וועלכע וועט געהיט דורך דעם אויבערשטן יעדן טאג ובפרט פון דעם גאנצן יאר, און וועלן געהיט דורך אים אין אלע הינזיכטן.

און דאס וועט צוגעהאלפן און פארשנעלערט דורך דערויף וואס יעדער רוסישער איד און אידישע פרוי, וועלכע געפינען זיך שוין דא אין יונייטעד סטייטס, אדער אין ענליכע מדינות - וועט ווייזן א דוגמא חי׳ אז זיי זיינען נאכמער פארבונדן מיט אידישקייט און מיט תורה ומצוותי׳ אין טאג-טעגליכן לעבן, ובמיוחד בנוגע צו דעם חינוך פון אלע זייערע קינדער.

און אלע אידישע קינדער, אנהויבנדיק פון קליינע אינגעלעך און מיידעלעך, אן הילוקים, וועלן ניט נאר אליין גייען בדרך ה׳, אין דער וועג וועלכע איז אנגעוויזן געווארן דורך דעם אויבערשטן, דורך דעם וואס זיי וועלן לערנען תורה און מקיים זיין אירע אנווייזונגען - נאר זיי וועלן אויך קומען צו זייערע פאטערס און מוטערס, און זיי וועלן בא זיי מאנען אז זיי זאלן נאכמער מוסיף זיין אין אידישקייט - אין דער אידישער הנהגה פון דער גאנצער שטוב, און ספעציעל אין דעם אידישן חינוך פון זייערע קינדער,

און טאן דאס אלץ בשמחה ובטוב לבב, מיט שמחה און מיט היות, וואס דאס וועט ברענגען הצלחה אין דעם אלעם נאך אין א גרעסערע מאס.

* * *

לא. ס׳איז דאך "אעלה את ירושלים על ראש שמחתי" [58] - אז אין יעדער שמחה דארף מען דערמאנען ירושלים, און דאס דארף זיין "ראש שמחתי" - דער אנהויב און די קאפ פון דער שמחה, און נאכמער: דאס דארף זיין ניט אן אופן פון "אעלה", אז די דערמאנונג פון ירושלים זאל זיין אין אזא אופן אז זי שטייט העכער פון אלע ענינים פון דער שמחה (העכער אויך פון "ראש שמחתי") -

איז אזוי ווי מען האט זיך צוזאמענגעקליבן אין יום שמחתו פון רשב"י, וואס דאס איז א שמחה גדולה - וועט מען אנפאנגען דעם "אעלה את ירושלים על ראש שמחתי" מיט א מאמר פון רשב"י, פון וועלכן מען קען אפלערנען א הוראה בנוגע צו דעם מצב פון ירושלים אין אונזער צייט

[וואדום וויבאלד אז דער מאמר איז אריינגעשטעלט געווארן אין הושבע"פ, איז דאס (ווי אלע ענינים פון תורה) א הוראה נצחית פאר אלע דורות]:

- "כל -

------------

58) תהלים קלז, ו.

"כל מה שהקנו לא תקנו אלא לצורך עצמן"[59] – אז אלע גוטע זאכן וואס אומות העולם מאכן (פאר אידן[60]) טוען זיי עס נאר צוליב זייער אייגענער טובה.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז בכדי די אומות העולם זאלן ארויסהעלפן אידן – איז עס דוקא בשעת זיי ווייסן אז דאס איז זייער אייגענע טובה. און בשעת אז עס קומט צוגייך אזא וואס פארשטייט ניט און רעדט זיי איין אז זייער טובה פאדערט אנדערש – וועט דאך בטל דער "חסד לאומים"[61], די הילף וואס מ'קען באקומען פון זיי.

און וויבאלד אז "לב מלכים ושרים ביד ה'"[62] – דארף מען האבן, אז דער אויבערשטער זאל זיי ארייננגעבן דעם ריכטיקן געדאנק, אז דוקא זייער העלפן אידן וועט זיין פאר זיי א טובה.

און דעריבער דארף מען וויסן אז "אנו אין לנו להשען אלא על אבינו שבשמים"[63], אויף דעם אויבערשטן דער "שומר ישראל" – וואס "לא ינום ולא יישן שומר ישראל" – אז ער וועט מאכן די פאסענדע כלים אז די אומות זאלן באגריפן דעם אמת (אז העלפן אידן איז פאר זיי א טובה), און דאן וועלן זיי ארויסהעלפן אידן אין אלץ וואס אידן דארפן.

לב. און וויבאלד אז "אנו אין לנו להשען אלא על אבינו שבשמים" – איז דאך זעלבסטפארשטענדליך, אז מען דארף פארשטארקן דעם פארבונד מיט "אבינו שבשמים", דורך מוסיף זיין אין לערנען זיין תורה און מקיים זיין אירע מצוות,

און וויבאלד אז דער אויבערשטער צאלט אפ "מדה כנגד מדה" – און בא "מדה טובה" גיט דער אויבערשטער (טאקע "באותה מדה", אין דעם זעלבן ענין, אבער) א סאך מער פון דעם וואס מען טוט[64] –

איז בשעה א איד איז מוסיף אין טאן דעם אויבערשטן'ס רצון, איז דער אויבערשטער מוסיף – און כמה פעמים ככה – אין דעם "יעשה רצונך כרצונו"[65], צו געבן דעם אידן אלץ וואס ער דארף "בעין יפה"[66].

לג. וויבאלד אז די השפעה פון אויבערשטן איז (ווי געזאגט

– פריער) –

---

59) שבת לג, ב. 60) ראה חדא"ג מהרש"א לשבת שם. 61) ל' הכתוב – משלי יד, לד. וראה ב"ב י, ב. 62) ע"פ ל' הכתוב – משלי כא, א. 63) ראה משנה סוף מס' סוטה. 64) סוטה יא, א ובפרש"י שם. 65) אבות פ"ב מ"ד. 66) פרש"י ורע"ב לאבות שם.

פריער) "באותה מדה" - איז פארשטאנדיק, אז בבדי צו פועל'ן דעם "יעשה רצונך כרצוננו" בנוגע צום מצב הבטחוני פון ארץ ישראל (וואס דאס איז דער פארבונד מיט "אעלה את ירושלים על ראש שמחתי", ווארום ירושלים איז די הויפט-שטאט פון גאנץ ארץ ישראל) - דארף מען צום אלעם ערשטן מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס ציווי בנוגע צו דעם ענין:

ס'איז א קלארער פסק דין אין שלחן ערוך אורח חיים [די וועג פון אמת'ן לעבן] אין הלכות שבת [וואס דער גאנצער יאר איז "שבת לה'"[67]] סימן שכ"ט ווי די הנהגה דארף זיין אויף באווארענען דעם מצב הבטחוני, אז מען טאר ניט אפגעבן צו א ניט-אידן קיין זאך וואס קען אנרירן די זיכערקייט פון ארץ ישראל.

איז בשעת א איד שטעלט זיך אויף דעם מיט דער גאנצער שטארקייט - ווארום דאס איז ניט זיין שטארקייט, נאר די שטארקייט פון דעם אויבערשטן וואס ער האט אפגע'פסק'נט אין זיין תורה,

איז בשעת אז "וראו[68] כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך" - בשעת די פעלקער פון דער וועלט זעהן ווי א איד האלט זיך אן אין דעם אויבערשטן, און ער באהאלט דאס ניט, נאר "נקרא עליך" - ער רופט אויס אז ער וועט שטיין מיט דער גאנצער פעסטקייט צו מקיים זיין דעם פסק דין פון אויבערשטן - ווערט בממילא "ויראו ממך"[68], אז זיי הויבן אן צו מורא האבן פאר אידן,

"תפול[69] עליהם אימתה ופחד (מצד דערויף וואס אידן גייען ניט מיט זייער אייגענעם כח, נאר) בגדול זרועך" - מיט דעם כח פון אויבערשטן,

ביז אז "ידמו כאבן"[69], אז זיי ווערן ווי אן אבן דומם וואס אליין קען ער זיך ניט באוועגן, און זיין באוועגונג איז בלויז לויט דעם רצון פון דעם מענטשן וואס האלט אים אין האנט,

אז זיי האבן ניט קיין מאכט צו טאן עפעס אליין (און עאכו"כ אז זיי קענען גארניט טאן עפעס קעגן אידן, און אפילו ניט סטראשען זיי),

זיי קענען טאן בלויז די שליחות פון אויבערשטן אויף צו ארויסהעלפן אידן מיט געלט און מיט נשק און דורך דיפלאמאטישע אריינמישונגען,

- ביז -

------------

67) פרשתנו (בהר) כה, ב-ד. 68) תבוא כח, י. 69) בשלח טו, טז.

ביז אז זייער גאנצע מציאות איז - "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[70], אז זייענדיק נאך אין אזא מצב וואס זיי זיינען "מלכים" און "שרותיהם" (און אידן זיינען בא זיי אין גלות), איז זייער גאנצער מציאות צו ארויסהעלפן אידן אין אלץ וואס זיי דארפן.

אנהויבנדיק פון "ונתתי שלום בארץ"[71], וואס דאס איז די הויפט-זאך (וואס בשעת ס'איז דא "שלום" איז דא "הכל", ווארום "השלום שקול כנגד הכל"[72]) - אז עס וועט זיין דער אמת'ער שלום אומעטום וואו אידן געפינען זיך, און עאכו"כ, "בארץ" - בארץ הידועה, וואס דאס איז ארצנו הקדושה - די לאנד וואס אלע פעלקער פון דער גאנצער וועלט רופן איר אן מיט דעם נאמען אז די איז א היילקע לאנד,

ביז צום סיום הברכות, "ואולך אתכם קוממיות - בקומה זקופה"[73].

לד. און בכדי צו צוהיילן דעם קיום היעוד "ואולך אתכם קוממיות - בקומה זקופה", איז דאס דודך דעם וואס נאך זייענדיק אין גלות פירט מען זיך אין דער וועג, אז מען שעמט זיך ניט מיט אידישקייט, נאר מען גייט מיט אן אויפגעהויבענע קאפ ("בקומה זקופה"), און ווי געזאגט פריער (סל"ג) אז "שם ה׳" דארף זיין "נקרא עליך".

אז אויך בשעה מען גייט אין גאס צווישן ניט-אידן, און אפילו ווען מען איז אויף א זיצונג פון מיניסטארן אדער א זיצונג פון יו-ען, גייט ער בכיסוי הראש,

און אז מען פרעגט אים פארוואס גייט ער מיט א צוגעדעקטע קאפ, שעמט ער זיך ניט און זאגט, אז ער טוט אזוי ווייל עס שטייט אין הורה אז כיסוי הראש איז פארבונדן מיט יראת שמים[74], מיט די מורא פאר דעם אויבערשטן וואס געפינט זיך אומעטום, אויך אין דעם ארט וואו עס קומט פאר דער זיצונג.

און וויבאלד אז אויך זייענדיק דארט, האט ער מורא פאר דעם אויבערשטן וואס הערט זיך צו צו יעדער ווארט וואס ער זאגט - וועט ער במילא ניט ריידן ח"ו א ווארט וואס איז היפך האמת, און זאגן דעם אמת אז ארץ ישראל איז געגעבן געווארן פון אלקי עולם (פון דעם אויבערשטן וואס איז דער בעה"ב פון דער גאנצער וועלט) צום עס עולם (צום אידישן פאלק, וואס ער איז אן אייביקער פאלק וואס וועט דורכלעבן

- אלע. -

---

70) ישעי׳ מט, כג. 71) פרשתנו (בחוקותי) כו, ו.
72) הו"כ ופרש"י עה"פ. 73) בחוקותי שם, יג ובפרש"י.
74) ראה שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ק ס"ב ס"ז. וש"נ.

אלע גליות און שווערקייטן, און ארויסגיין פון גלות גאנצערהייט, אז קיין איין און איינציקער איר וועט ניט בלייבן ח"ו אין גלות[75] אלס נחלת עולם - אן אייביקע ירושה,

אז במשך פון אלע דורות געהערט גאנץ ארץ ישראל צו יעדער אידן און צו אלע אידן, און אז קיינער קען דאס ניט צונעמען בא זיי - ווארום וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אזוי באשלאסן, איז "דבר אלקינו יקום לעולם"[76].

לה. און דורך דעם וואס מען וועט גיין בקומה זקופה, מען וועט אויפהערן שעמען זיך און שרעקן זיך פאר גוים און גוי׳שקייט,

ובפרט נאך לאחרי ווי מען האט געזעהן בפועל אז דורך דעם וואס מען גיט נאך גוים און גוי׳שקייט נוצן זיי דאס אויס אויף שלאגן אידן רח"ל,

ביז אין אן אופן ווי עס האט געטראפן בימים אלו אין עיר האבות, ניט ווייט פון׳אברהם יצחק ויעקב, און ביום השבת וואס ער איז א יום קדוש, און בשנת השמיטה וואס זי איז "שבת לה׳",

און הלואי זאל דאס פועל׳ן עכ"פ אז דערפון זאל ארויסקומען א שינוי עיקרי אין דער אויפפירונג פון אידן, ביז צו א שינוי מן הקצה אל הקצה,

אז אנשטאט דעם וואס מען האט געהאלטן אין איין נאכגעבן גוים און גוי׳שקייט, זאל מען זיך האלטן מיט א פעסטקייט אין "גדול זרועך" פון דעם אויבערשטן, דורך דערויף וואס מען וועט זיך האלטן מיט א פעסטקייט אין זיין הייליקע תורה, וואס זי איז די אמת׳ע שטארקייט פון אידן - אין עוז אלא תורה[77].

לו. און דורך דעם וואס מען וועט זיך האלטן שטארק אין תורה און אירע מצוות,

איז דורך יעדער מצוה - ובפרט דורך א מצוה וואס איז פארבונדן מיט חינוך פון אידישע קינדער - איז מען מקרב און מזרז די גאולה האמיתית והשלימה דורך משיח צדקנו,

וואס אויך דעמולט וועלן זיין א סאך פעלקער, אבער זיי וועלן זיין אין אן אופן פון "לקרוא כולם בשם ה׳ ולעבדו שכם אחד"[78],

- וואס -

------------

75) ראה לקו"ש חי"א ע׳ 1 ואילך. וש"נ. 76) ישעי׳ מ, ח. 77) שהש"ר פ"ב, ג [ג]. ובכ"מ. 78) צפני׳ ג, ט. רמב"ם הל׳ מלכים ספי"א.

וואס דאס טוט זיך אויף דורך דעם וואס נאך זייענדיק אין גלות, פועל'ן אידן (דורך זייער גיין "בקומה זקופה") אויף זיי, אז זיי זאלן דינען דעם אויבערשטן און מקיים זיין די שליחות וואס דער אויבערשטער האט זיי איבערגעגעבן צו ארויסהעלפן אידן אלץ אלץ וואס זיי דארפן.

לז. און די התחלה דערפון וועט זיין פון דעם וואס "יעמוד מלך מבית דוד כו' ויכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה"[79] - וואס דאס טוט זיך אויף דורך דעם וואס איצטער פארשטארקט מען אלע זאכן פון אידישקייט וואס דארפן האבן א פארשטארקונג ("בדקה"),

און "ילחם מלחמות ה'"[79] וינצח - וואס דאס טוט זיך אויף דורך דעם וואס איצטער האט מען מלחמה פאר אלע זאכן וואס זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן, וואס דאס איז תורה און מצוות,

און "יבנה מקדש במקומו"[79], ער וועט אויפבויען דעם מקדש אויף זיין ריכטיקן אדם - דורך דעם וואס אידן אנטפלעקן דעם מקדש וואס געפינט זיך אין זייער הארץ (דער "ושכנתי בתוכם, בתוך כל אחד ואחד"), וואס דאס איז דער אמת'ער ארט פון דעם אמת'ן משכן און מקדש פון דעם אויבערשטן.

לח. און אזוי ווי אין יעדער פסק דין קען מען ניט יוצא זיין מיט רמזים נאר מען דארף אים מקיים זיין בפועל

- וואס צום אלעם ערשטן דארף דאך דער אויבערשטער מקיים זיין די דינים פון תורה, ווארום ס'איז דאך "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל" אז פריער איז "הוא עושה" און דערנאך "אומר לישראל לעשות"[80],

וועט זיכער דער אויבערשטער מקיים זיין דעם פסק דין פון דער גאולה דורך משיח צדקנו, און בקרוב ממש, ווארום ס'איז שוין "כלו כל הקיצין"[81] - לויט אלע דעות מוז משיח צדקנו שוין קומען,

און דאס וועט זיין למטה מעשרה טפחים, ובשמחה ובטוב לבב,

אז עס קומט משיח צדקנו, ויבנה בית המקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל[79], "והיתה לה' המלוכה"[82], במהרה בימינו ממש.

— * —

---

79) רמב"ם שם. 80) תהלים קמז, יט. שמו"ר פ"ל, ט. ובכ"כ. 81) סנהדרין צז, ב. 82) עובדי' א, כא.

א. ס'איז דאך א ענין וואס לכאו' איז שוין נאך ל"ג בעומר, און מ'האלט שוין נאך תפלת המעריב, אין וועלכע ס'איז אויך געווען דער ענין פון ספה"ע, האט מען דאס ניט געקענט אפלייגן מצד דעם דין פון אנהויבן פון א ענין און א המשך קודם התפלה שבא זמנה אפי' חצי שעה לפנ"ז,

ביחד ע"ז געפינט מען אין ענינים פון קדושה, ווי ביי קדשים, אז נאך דערויף ווי ס'איז געווען די עלי' לרגל, האט געדארפט זיין אויכעט דער ענין פון לינה אין דעם ארט וואו מ'האט עולה לרגל געווען,

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק, פונקט ווי דער טעם בפשטות, אז וואס איז דער ענין פון לינה, בודגמא ווי רש"י ברייננגט אראפ בנוגע דער ענין פון שמע"צ, אז "קשה עלי פרידתכם" במילא בעט מען אז מ'זאל זיך פארהאלטן אויף נאך א שטיקל צייט,

עד"ז איז דער ענין ה"לינה", וואס מ'בלייבט נאך דער עלי' לרגל, אע"פ וואס מ'האט מקיים געווען די מצוי: פון עלי' לרגל בשלימותה, איז אויף צו באווייזן חביבות הדבר, אז ס'איז שווער דער פאנאנדערגיין,

איז לכה"פ איז מען דערנאך קובע א ענין של לינה, וואס שינה איז דאס א ענין פון א קביעות - ס'זאל זיין אויכעט א קביעות אין זמן, לאחרי וואס עס ענדיקט זיך די עלי' לרגל אידער מ'גייט אוועק איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו,

אין דעם ענין הלינה איז אבער מודגש אז דאס איז נאך דערויף וואס ס'ענדיקט זיך דער זמן צו וועמען מ'האט די חביבות שייכות און פארבונדנקייט.

ס'איז דאך דא אבער נאך א צווייטער ענין, וואס ס'איז ניט וואס דאס ווערט אין א זמן נפרד, נאר דאס איז א המשך צו דעם זמן, און דאס איז וואס דער דין איז ביי קדשים אז הלילה הולך אחר היום,

אין ענינ' חול, כולל אויכעט בריאת העולם, אויף וועלכער ער זאגט בהאי ספר הזהר דילי' (פון רשב"י), אז די עשרה מאמרות פון דעם אויבערשטן ווערן אנגערופן מילי דהדיוטא, איז דארט היום הולך אחר הלילה, משא"כ ביי קדשים - די ענינים פון דער מקדש איז הלילה הולך אחר היום.

ד.ה. אז דאס איז ניט א זמן נפרד, דאס איז א זמן וואס קומט בהמשך צו די ענינים פון דעם יום, אע"פ וואס בנוגע צו ענינ' העולם - מילי דהדיוטא, כולל אויכעט ענינ' תורה ומצוות וואס זיינען פארבונדן מיט עולם, בדוגמא ווי דער ענין התפלה, וואס דאס ווערט דאך אנגערופן חיי שעה, ווארום דאס איז פארבונדן מיט ענינ' העולם כמבואר בארוכה אין כמה מקומות, אויכעט אין די דרושים פון ל"ג בעומר, וואו ס'רעדט זיך דער אויפטו און דער חידוש און די הנהגה פון רשב"י, וואס ביי עם איז געווען תורתו אומנתו - חיי עולם,

משא"כ דער ענין התפלה איז חיי שעה.

איז דערפאר איז אין תפלה הויבט זיך אן א באזונדער סדר, אין דער מעריב וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג אלס א יום - וואס היום הולך אחר הלילה,

משא"כ אין ענינ' תורה, זאגט מען דאך אז בכמה ענינים פון שיעורי תורה, אויב מאיזו סיבה שתהי' האט ער זיי ניט געקענט מסיים זיין במשך היום איז ער זיי מסיים דעמולט בלילה קודם השינה.

דערנאך קומט צו א ענין, והוא העיקר: וואס בהקדמה כמ"פ, אז א ענין וואס ווערט געשריבן איז דאס לדורות, און אויב דאס איז נדפס איז דאס לדורי דורות, צוזאמען מיט תורת הבעש"ט אז כל יעדער ענין דארף מען עפעס אפלערנען,

איז בהנוגע צו ל"ג בעומר, ווערט דערציילט און אראפגעבראכט בכ"מ, אז דער אריז"ל פלעגט קומען למירון אין צוזאמענהאנג מיט ל"ג בעומר, און פלעגט דארטן זיין עם ב"ב ג' ימים.

וואס עפ"ז ס'ווערט ניט מדוייק ווען ס'האט זיך אנגעהויבן די ג' ימים, צי דאס איז אין א אופן אז ל"ג בעומר באמצע, אדער קודם ל"ג בעומר, לג"ב בסוף, אדער לג"ב בתחילה,

עכ"פ במקומות שראיתי שטייט סתם "ג' ימים".

וואס עפ"ז קומט אויס אז אידן קומען זיך צוזאמען דריי מאל, אין דריי באזונדערע טעג, און מ'איז זיך מתוועד, און מ'רעדט אין ענינֵי תורה פון רשב"י, איז דאס מעין ודוגמא און שמץ מנהו, פון אט דער הנהגה וואס מ'האט איבערגעגעבן אין תושבע"פ אז אמת טאקע, דאס איז געווען די הנהגה פון דעם אריז"ל, וואס אחד הי' - מיט די תוארים מופלאים, וואס ר"ח וויטאל שרייבט אין די הקדמה לשער ההקדמות שלו -.

אבער אעפ"כ - לאחרי ווי פתח את הדרך, בדוגמא ווי פתח ר"ש בנוגע פנימיות התורה זאל ווערן בנגלה, איז דערנאך דא אויכעט וואס בכמה ענינים איז פתח את הדרך דער אריז"ל, ווי דער אלטער רבי ברייגנט אראפ אין אגה"ק אז דעמולט איז געווארן דער "מצוה לגלות זאת החכמה", און ס'האט זיך אנגעהויבן פון דורו של האריז"ל,

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, און דאס איז במכ"ש וק"ו, אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן א שמחה של רשב"י, און דערנאך זאגט מען אז דערפאר דארף דאס זיין א שמחה גדולה, און דערנאך זאגט מען אז רשב"י האט געוואלט אז אזוי זאל זיין ביי יעדער אידן, און בא אלע אידן,

איז בשעת דערצו קומט נאך צו די הוראה אין תורה שבע"פ, אז אמת טאקע א מורם מעם און א מיוחד בעם מיט די אלע תוארים הכי נפלאים פון דעם אריז"ל, אעפ"כ איז מען מפרסם זיין הנהגה, אז ס'איז געווען א ענין של ג' ימים, איז אז מ'האט א געלעגנהייט - בלי טרחא יתירה פון טרחת צבור - צוזאמען מיט דעם ענין וואס בא קדשים איז הלילה הולך אחר היום, אז ס'זאל זיין א דריטע התוועדות, און פאנאנדערגעטיילט מצד שבעת ימי בראשית, אין דריי באזונדערע טעג,

א) אין שבת קודש, ב) יום ראשון בשבוע, ג) און דער לילה אור ליום שני בשבוע.

איז דאך דעמולט א געלעגענהייט אויף ארייננכאפן נאך א משך זמן זיין צוזאמען מיטן רשב"י, דורך דערויף וואס מ'חזר'ט א ווארט מתורתו, און מ'נעמט אן לימוד המביא לידי מעשה, החלטות בנוגע למעשה בפועל אין דעם רוח און אין די ענינים וואס רשב"י האט געוואלט, און דאס איז געווען מעיקר עניננו,

איז א טייערע זאך אז מ'זאל זיך אן דערויף אנכאפן בכל התוקף, און משתף זיין אין דערויף ווענען נאר מ'קען משתף זיין, סיי בנערינו ובזקיננו בבנינו ובבנותינו,

וואס וועגן יעדערער פון זיי האט רשב"י גע'דאגה'ט, און האט געזאגט אז ער נעמט אויף זיך - יכולני לפטור את כל העולם כולו ממדת הדין - נעמט ער דער ענין אויף זיך.

איז דאך פארשטאנדיק אין וואס ער קאכט זיך, אויף משתף זיין און איבערגעבן ובפרט די וואס הערן דאס באיזה אופן שיהי', עאכו"כ די וואס זיינען דא אז מ'זאל אויסנוצן דעם יום שלאחרי לג"ב, בהמשך ובאופן המותר ע"פ שו"ע, אין די אלע ענינים וואס רשב"י האט זיך געקאכט און די הנהגה זיינע איז ארייננגעשטעלט געווארן אין תושבע"פ, וואס דאס איז געווארן א הוראה פאר יעדער אידן עד סוף כל הדורות.



הנחה פרטית בלתי מוגה

אז מ'זאל אויסנוצן דעם עת רצון, און זיכער אז רשב"י איז ממשיך עזרתו בקו"ש, אז ס'זאל אראפקומען צו יעדערן און יעדערע בכל מקום ובכל פינה, אפי' א פינה נדחת וואס ער געפינט זיך, וויבאלד אבער אז במחשבתו וברצונו פארבינדט ער זיך מיטן רשב"י ותורתו, און זאגט דער בעש"ט אויף דערויף אז במקום שרצונו של אדם איז שם הוא נמצא - אט דארטן געפינט ער זיך, געפינט ער זיך צוזאמען מיטן רשב"י, אלע ג' ימים דער ערב לג"ב, און לג"ב, און דער יום שלאח"ז, זאלן זיין ימי הצלחה רבה ומופלגה, אין עניני תומ"צ בכלל, און אין ענינים פון מצוה לגלות זאת החכמה - תורתו פון דעם רשב"י אין א אופן פון דבי' יתפרנסון, וואס דאס איז דאך ע"י הלימוד אין א אופן פון חכמה בינה דעת - הבנה והשגה, וואס דאס איז דאך ווי ענינים זיינען נתבאר געווארן ע"י רבותינו נשיאנו ביז נשיא דורנו דער רבי דער שווער,

און זיי האבן געהייסן דאס צו מפיץ זיין בכל מידה האפשרית, און אויכעט צו מפיץ זיין דאס דורך איבערזעצן בלשון עם ועם, כולל די אידן וואס געפינען זיך צווישן אט דעם עם, וואס בזמן הגלות איז מען דאך מפוזר ומפורד בין העמים, צווישן די שבעים אומות, ווארום אן אומה וואס דארט איז ניטא קיין איין און איינציקער איד ווערט זי בטל פון איר מציאות,

א מציאות אין וועלט איז שייכות אויב זי איז פארבונדן צו א אידן, און דער איד איז פארבונדן מיט תורה, וואס דערפאר דארף מען האבן א' מכם גולה לברבריא וא' מכם גולה לסרמטיא, ווי ער זאגט אין מדרש, און דאס איז כאילו ווי אסאך אידן זיינען דארטן געווען, אבער עכ"פ אן אחד דארף מען דארטן האבן.

און דורך דערויף ווערט נתברר און נתעלה די גאנצע מדינה, ביז וואנעט אז ס'ווערט דארטן דער "ונצלתם" - מ'נעמט פון דארט ארויס די אלע ניצוצות קדושה.

בהנוגע לענינו:

אז מ'זאל ממשיך זיין מיטן גאנצן שטורעם, און מצד דעם ענין וואס "מעלין בקודש" - נאך מיט א גרעסערן שטורעם, ניט מער מיט דער שינוי והגבלה, וואס ס'איז דא כמה ענינים וואס מ'טוט זיי ניט במשך ימי הספירה, און מ'טוט זיי בלג"ב במשך יום זה, איז א דין אין שו"ע [איז דאס אויכעט א דין וואס מ'איז ניט משנה] און מ'פירט זיך אויף אזוי ביום ל"ד בעומר מיט די הגבלות שבדבר,

אבער דאס האט קיין הגבלות ניט אין הפצת פון לגלות זאת החכמה, אין הפצת פון תורת הרשב"י מיטן אופן וואס לימוד המביא לידי מעשה,

און דער עיקר עניניו אין וועלכן ער האט זיך געקאכט, ווי געשריבן אויכעט אין ברייתו, אז נאך דערויף וואס ער איז געווען די גאנצע שנים אין דער מערה, און ארויסגעגאנגען פון דארטן, איז די ערשטע זאך - האט ער אפי' ניט געווארט אז מ'זאל קומען צו עם צוגיין און בעטן אפשר קען ער עפעס מתקן זיין און אויפטאן - נאר ער איז געגאנגען און האט זיך פאנאנדערגעפרעגט, אז וויבאלד ער קען שוין איצטער טאן אויף דער פריי, ער איז ניט באהאלטן אין מערה וואס דארט איז געווען בא עם חיים רוחניים, אפי' אכילת מצה שלו, ווי דער אלטער רבי זאגט אין לקו"ת, ווי געערעדט בארוכה אין יום הש"ק ערב לג"ב.

- האט ער גלייך זיך נאכגעפרעגט צי ס'איז דא עפעס א זאך וואס מ'דארף מתקן זיין, און באלד אז מ'ווערט עם דערציילן איז א זיכערע זאך אז ער קען דאס מתקן זיין,

און מצוה בו יותר מבשלוחו - ער האט ניט געשיקט א שליח, אפי' ניט בנו יחידו וואס איז געווען צוזאמען מיט עם אין דער מערה, ער האט זיך אליין פארגומען אזוי צו מברר זיין דער דרך אז דארטן זאלן קענען גיין אויכעט כהנים אן קיין חששות וספיקות ווי די גמ' דערציילט אין מס' שבת.



הנחה בלתי מוגה

און וויבאלד אז דאס איז געווען דער ראשית פעולתו לאחרי וואס ער איז געקומען -ו דער מעלה זיינע, ווי די גמ' זאגט, אז בזכות פון צער המעו'ה איז עם צוגעקומען אין תורתו אומנתו, אז תמורת זה אז פריער איז געווען דער סדר אז ער האט געפרעגט די שאלה און מ'האט עם געענטפערט, איז דערנאך איז ער געקומען צו דער עילוי אז מ'האט עם געפרעגט א קשיא און ער האט פארענטפערט, און פארענטפערט א ריבוי של תירוצים והסברות וכו' [ווי די גמ' זאגט],

איז דערפון פארשטאנדיק אז ניט קוקנדיק אויף דער עילוי זיינער אין תורה איז די ערשטע זאך וואס תושבע"פ דערציילט, וואס רשב"י איז געגאנגען זוכן, אפשר קען ער עפעס מתקן זיין א זאך אין וועלט כדי מאכן בא אידן לייכטער דער ושמרו דרך ה'.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק בנוגע לענייננו:

אז דאס רירט ניט אן לגמרי די הגבלות וואס זיינען פארבונדן מיט ל"ג בעומר, און צוזאמען מיט זיי מאכן מיטן גאנצן ·שטורעם אין עניני פון יום הילולא דרשב"י במשך פון ג' ימים, עכ"פ יום א' לאחרי לג"ב,

און טאמער וועט עמעצער מוסיף זיין ג' ימים, וואס התחלתם איז בלג"ב איז כל כגון דא איז תבא עליו ברכה,

און דער עיקר, אז ס'זאל זיין אין א אופן פון המעשה הוא העיקר, זאל אראפקומען במעשה בפועל, וזכות הרבים מסייעת, ובפרט איז מסייע די זכותים פון בעל ההילולא רשב"י, וואס ווי דערמאנט אויכעט אין שבת'דיקע התוועדות, זיינען אחרונים מפרש אז "כדאי הוא רשב"י לסמוך עליו בשעת הדחק" - וואס מ'געפינט דאס ניט בא קיין אנדער תנא ואמורא,

אז בשעת "הדחק" פון ימי הגלות, אט דעמולט ווערט אנגערופן דער זמן "בכל צרתם לו צר" - איז מען זיך סומך אויף רשב"י,

און דאס איז ממהר ע"י הפצת המעיינות חוצה, וואס דאס איז דאך דער ענין פון יתפרנסון מהאי חיבורא דילי', אז בהאי ספר הזהר דילך יפקון בי' ישראל מבי גלותא, און אין וואס פאר א אופן, דוקא ברחמים,

במהרה בימינו ממש, ע"י משיח צדקנו.

* * *

ב. אין די דרושים פון לג"ב אין וועלכן ס'רעדט זיך וועגן די מעלות פון רשב"י ווערט געבראכט דער זהר פון פ' אחרי, ביז וואנעט אז ס'איז גאר דא כמה דרושים וואס דאס איז דער דיבור המתחיל שלהם, אז ס'איז געווען איצטריך עלמא למיטרא, - אז ס'איז געווען א צייט אין זמן פון רשב"י, וואס ס'האט געפעלט גשמים, איז מען געקומען צוגיין צו רשב"י און דערציילט עם, און געבעטן ער זאל בעטן רחמים, האט ער געזאגט תורה אויפן פסוק "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", און דערנאך [ווי ער איז מסיים אין זהר אפאר דפים לאח"ז] נאך דער ענין וואס ער ברייננגט אראפ תורתו איז מען דערנאך מסיים "אתי מיטרא".

און מ'פארבינדט דאס, און דורך דערויף מסביר די מעלה זיינע, וואס תורתו אומנתו - חיי עולם, משא"כ תפלה איז חיי שעה,

וואס אע"פ אז בכלל איז זאך א דין אין תודה אז בשעת מ'דארף האבן גשמים איז אט דעמולט דארף מען מתפלל זיין על הגשמים, דער ענין התפלה - האט אויפגעטאן רשב"י אז ער האט דאס אויפגעטאן ע"י התורה, אז ער האט געזאגט תורה איז דערנאך

הנחה פרטית בלתי מוגה

געווארן דער ענין פון גשמים, ואדרבה: נאך אין א העכערן און בעסערן אופן, אויך מצד דעם ענין ווי גשמים זיינען דא למטה און ווי זיי ווירקן אויף דער שדה וואס דארף אנקומען צו די גשמים, - אז בשעת מ'טוט דאס אויף ע"י התפלה און א תפלה הכי נעלית, ווי תפלת חוני המעגל, איז אע"פ וואס ער האט גע'פועל'ט אז ס'איז געגאנגען גשמים, ס'איז ניט געווען גלייך, און דערנאך האט מען אויך געדארפט משנה זיין - ווי די גמ' דערציילט בארוכה, אז ס'איז געווען צופיל, אדער צו ווייניק ניט לויט דער כלי פון דעם מקבל,

משאי"כ רשב"י ע"י אמירת התורה וואס האט אויפגעטאן ירידת הגשמים, איז דאס גלייך געגאנגען אין אזא מין אופן אז גלייך נאך די אמירת התורה איז געווען די גשמים אין א אופן וואס דאס איז גוט פאר דעם מקבל.

און איז מבאר דארט דער ביאור, וויבאלד אז תפלה איז דאס מלמטלמ"ע, און תורה איז מלמלמ"ט, ווי ס'איז שוין אפגעדרוקט די דרושים, אנהויבנדיק פון אוה"ת פון דעם צ"צ, און דרושי רבותינו נשיאינו ממלאי מקומו.

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק אז לאחרי הביאור, וואס מ'זאגט אז וואס עפעס און וואס איז די שייכות פון אמירת התורה אין דעם ענין פון "מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד" צו ירידת גשמים - דארף דאס אויכעט האבן א שייכות, וואס דערפאר האט ער געזאגט דוקא די תורה, און דער ענין אין תורה, דערפאר וואס דאס האט א שייכות צו דער בקשה וואס איז צו עם געקומען,

איז אעפ"כ איז דאך א זיכערע זאך, אז ער האט ניט געמאכט פון תורה קיין ענין - ח"ו - פון קרדום לחתוך בו, נאר צום אלעם ערשטן איז דא געווען דער חידוש ובגילוי ענינים פון תורה.

דערנאך איז בדרך ממילא "נשתלשל מהם" - ווי ס'קומט אראפ אין תורה, אז דער אויבערשטער אסתכל באורייתא און אזוי טוט דער אויבערשטער בעולם, בשעת ס'איז תורה, צוגעקומען א חידוש אין תורה, האט דערנאך דער אויבערשטער אריינגעקוקט אין דעם חידוש, און ס'איז געווארן דער ענין אין ענייני העולם.

אבער דער חידוש איז, און ווי ס'שטייט אין זהר, אז מ'לערנט דער ענין אין זהר ווי יעדערער קען לערנען זהר, אדער עכ"פ אז מ'זאגט די אותיות בתורה אין דעם חלק הזהר, די אותיות ותיבות (פון זהר), אע"פ וואס לא ידע מאי קאמר - איז שטייט אין ספרים בהנוגע צו זהר אז אעפ"כ איז דאס א דבר הכי נעלה, והכי גדול, איז וואס לערנט מען, און וואס פארשטייט מען עכ"פ לפי ההבנה והשגה שלו, אדער וואס פאר א דיבורים רעדט ער - רעדט ער אלץ דיבורים אין תורה, כלל ניט קיין דיבורים וואס ס'רעדט זיך וועגן א גשם גשמי.

- אז מ'זאגט "ונתתי גשמיכם בעתם", איז דאך אויכעט אין דערויף דא לכל לראש רזין דרזין דאורייתא, דערנאך איז דא רזי תורה, און דערנאך איז דא ווי נשתלשלו - ווי דאס קומט אראפ דורך פרד"ס התורה ביז אין פשוטם של כתובים, אדער עכ"פ אין פשט המקרא, ואדרבה: אין מקרא יוצא מידי פשוטו - רעדט ער און לערנט אין תורה וועגן גשמים וואס זיי דארפן ארויסהעלפן א שדה אז דערנאך זאל זיין "ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו".

בשעת מ'לערנט דעם ענין אין זהר, רעדט זיך ניט וועגן גשמים מיט א שדה - מיט א אילן בשדה, וכו', ס'רעדט זיך ענינים פון רזין בתורה, עכ"פ וויל ער דאס לערנען דוקא אין א אופן פון נגלה איז דארט דא כמה ענינים פון נגלה דתורה, און דערנאך איז נשתלשלו מהם - בדרך ממילא כאמור, פאלט אפ די שאלה ווי אזוי מאכט מען פון תורה א ענין פון קרדום לחתוך בו, עאכו"כ רשב"י, וואס בא עם איז תורתו אומנתו, אט דאס איז זיין גאנצע מציאות - נאר וואדען, ער האט געלערנט תורה, און אויפגעטאן אין תורה,



הנחה פרטית בלתי מוגה

אזוי ווי אבער עס איז געווען נוגע בעצמות עניניו א צער פון אידן, האט ער אויסגעקליבן א ענין אין תורה וואס ער האט אויפגעטאן אין תורה, אין רזין דרזין, ביז אין פשוטם של כתובים, דערנאך איז הקב"ה איז אסתכל באורייתא וואס איז צוגעקומען, [וואס דער תלמיד ותיק וואס תלמידו ותיק פון ר"ע - אט דאס] וואס רשב"י האט אויפגעטאן, איז בדרך ממילא איז געגאנגען גשמים,

און פונקט אזוי ווי די תורה פון רשב"י איז געווען צוגעפאסט צו זיינע תלמידים אז זיי זאלן דאס יעדערער לפי מעמדו ומצבו קענען אויפנעמען, אט אזוי איז אויכעט אין דעם ענין בעולם - האט ער דאס אויך אויפגעטאן גלייך, ווארום הקב"ה דארף ניט האבן קיין משך זמן, ס'איז רגע כמימרא, איז גלייך ווי ס'איז געווארן דער חידוש אין תורה, איז אסתכל באורייתא, און ס'איז גלייך געווען אין א אופן ווי די תלמידים ומקבלים קענען דאס אויפנעמען,

וואס בשעת דער מקבל איז דאס אילן השדה, אדער תבואת השדה, גייען די גשמים אין א אופן המתאים גלייך בפעם הראשונה.

דערפון איז אבער פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'זאגט אז רשב"י איז דערנאך בדרך ממילא קאתי מיטרא, אבער בשעת ער האט געזאגט רזי תורה, און ווי ס'איז דא דער כלל אז אין מקרא יוצא מידי פשוטו, איז אויכעט דער מקרא אין וועלכן ער האט מגלה געווען רזי תורה, וואס דער פסוק איז דאך "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", איז אין מקרא יוצא מידי פשוטו!

ואדרבה: בשעת מ'הויבט אן לערנען תורה, איז ע"פ דין תורה, ווי אפגע'פסק'נט אין הל' ת"ת - לערנט מען דעם פסוק לכל לראש אין פשוטו של מקרא, און ערשט דערנאך לערנט מען עס אין די אנדערע אופנים פון לימוד הכתובים, ביז מ'לערנט עס ווי רשב"י האט מגלה געווען דעם פירוש, ווי ער זאגט דאס אין פ' אחרי.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק אז מ'רעדט במעלות של רשב"י, איז דאס פארבונדן און מ'איז מגלה מעלתו אין צוזאמענהאנג מיטן פסוק פון "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", וואס ענינו און נקודתו איז דאך דער ענין פון אהבת ישראל.

וואס מ'איז דא אויך מוסיף, אז ס'איז ניט נאר ווי ס'זיצן דא אחים, נאר נאך מוסיף בזה אז דאס איז אויכעט א ענין פון "גם יחד" - אז אע"פ אז אהבת אחים איז דאך אויכעט א ענין וואס דאס איז א אהבה תמידית, אבער אעפ"כ איז דא איז ניטא דער דיוק פון "כמוך" -

אז מ'איז מוסיף "גם יחד", וואס יעדער אויסדרוק פון "גם" איז דאך א ענין של הוספה, וואס קען מען מוסיף זיין נאכמער אז ס'איז דא אחים, און מ'שטייט אין א מעמד ומצב אז דאס איז בגלוי, און דאס איז אין א אופן פון שבת אחים - אז דאס איז אין א אופן של קביעות, ביז וואנעט אז מ'זיצט אלע צוזאמען אין א אופן של קביעות,

ובשעת מ'איז נאך מוסיף אויף דערויף, און מ'זאגט "גם" - איז דאס וואס מ'קען אויף דערויף נאך מוסיף זיין, אז דאס זאל זיין ווי "כמוך".

וואס אפי' אז אהבת אחים איז דאס א אהבה תמידית, איז דאך בשעת רבותינו נשיאינו ברייננגען אראפ דעם ביאור ווי אזוי קען זיין ואהבת לרעך כמוך - ברייננגט מען אראפ פון ירושלמי אז דאס איז בדוגמא בשעת איין האנט האט מצער געווען די צווייטע האנט פון דעם זעלבן מענטשן, איז אעפ"כ איז ניט שייך צו זאגן אז ער וועט מעניש זיין די האנט, דערפאר וואס ביידע הענט זיינען זיינע.

ניט מ'ברייננגט א דוגמא פון הפכים, נאר פון עם אליין.

וואס דערפאר איז דער אלטער רבי אין תניא פרק לב, צוזאמען דערמיט וואס ער זאגט "שכולם מתאימות", וואס דאס איז דער ענין פון אחים, איז ער גלייך ממשיך "ואב אחד לכולנו", און דערנאך ביז וואנענט "מי יודע מעלתם במקורם ושרשם", וואס "אב אחד לכולנו", ווי די בנים און ילדים שטייען אין דעם אב, שטייען זיי ניט ווי זיי זיינען "אחים" נאר נאכמערער: ווי דאס איז חלקים פון דעם זעלבן אב.

וואס דערפאר איז תבא עליהם ברכה - וואס לויט ידיעות וואס זיינען אנגעקומען פון אה"ק, האט מען דארט א נאמען געגעבן דעם מבצע פון דעם לג"ב מיט די תהלוכות מיט די אלע הכנות אין דעם המשך בדבר, אז דאס איז א מבצע פון אהבת ישראל,

און מ'האט אויכעט געמאכט דעם אונטער-קעפל אז דאס איז "יחד כל ילדי ישראל".

און ויה"ר - און דערפאר דערמאנט מען דאס אז מ'זאל דאס אויכעט מעתיק זיין און אראפשרייבן און ארייגדרוקן און דער עיקר ארייגשטעלן בנוגע לפועל, אז די אלע ענינים איז דאס פארבונדן מיט אהבת ישראל, וואס דאס דארף זיין אין א אופן וואס דאס איז נאכמערער ווי אהבת אחים, ווארום אהבת ישראל בתורה איז דאס אין דעם ל' "ואהבת לרעך כמוך",

ובפרט "יחד כל ילדי ישראל" - אז מ'הויבט דאס אן ווי א מנהג ישראל תורה היא, אז מ'פארבינדט לג"ב מיט תהלוכות און חגיגות, און מיט איבער'חזר'ן און זאגן דברי תורה שבכתב ושבע"פ, צוזאמען מיט תפלות און נתינת הצדקה, אנהויבנדיק מיטן גאנצן שטורעם פון ילדי ישראל, און כל ילדי ישראל,

זאל מען דאס אויכעט אריבערברייינגען אין חו"ל, ואדרבה: ווי די גמ' זאגט אין ב"ב אז א איד וואס קומט פון א"י אין חו"ל, דארף בא עם זיין דער ארי מנייהו כחד דידהו - נאך צוויי מאל אזויפיל,

און ויה"ר אז די צוויי מאל זאל זיין ניט צוויי מאל בכמות, נאר בכמות זאל דאס זיין כמ"פ ככה, כמדובר כמ"פ אין דעם ענין פון כפליים לתושי',

אט דאס וואס מ'רופט דאס אן צוויי, דערפאר וואס דאס איז נאך א סדר אין עבודת ה' בכלל, און אין דעם ענין פון לג"ב במיוחד.

וואס דאס איז אויכעט פארבונדן ווי מ'געפינט דאס אין א צווייטן ארט אויכעט בנוגע צו תורתו של רשב"י,

וויבאלד אז מ'זאגט אויף "מתאר זיין" וואס איז רשב"י, אז אנשים כערכנו זאלן אויכעט האבן אין דערויף עפעס וואס הבנה והשגה, ברייגגט מען אראפ אז ער האט געזאגט תורה אויף דעם פסוק פון "מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", וואס דער פסוק הויבט זיך אן מלמטה למעלה וואס תורה איז דאך בארץ, הויבט זי זיך אן מיט פשש"מ - דער ענין פון אהבת ישראל,

ס'איז דאך אבער אויכעט פארשטאנדיק אז וויבאלד ס'איז געווען תורתו אומנתו, און מ'זאגט אז אפי' בזמנו איז דאס געווען בא רשב"י וחביריו, און געווען אזוינע וואס בא זיי איז דאס ניט געווען אע"פ וואס זיי זיינען געווען אנשי המעלה יחידי סגולה, אבער עבודתם איז געווען [ווי ער זאגט אויכעט אין זהר], אז ס'איז דא מארי עובדין טבין, און ס'איז דא מארי דאורייתא.

דערפון איז אבער אויכעט פארשטאנדיק אז וויבאלד אז מ'זאגט אז אין דעם ענין פון תורתו אומנתו איז דאס רשב"י וחביריו, איז דערפון אויכעט פארשטאנדיק אז דארט איז ער געווען אויסגעטיילט און ער איז געווען דער עיקר, און על שמו נקרא ענין זה, ביז וואנעט אז די אנדערע האבן אויך געהאט נעמען, דערמאנט מען ניט קיין איין נאמען - מ'דערמאנט דאס אין א אופן כללי. אז דאס איז חביריו של רשב"י,



הנחה פרטית בלתי מוגה

איז דערפון פארשטאנדיק אז אויב צווישן תנאים. און אזוינע תנאים וואס זיי זיינען חבידיו פון רשב"י, איז ער געווען אויכעט אז געטיילט לגביהם, סיי אין דעם ענין פון תורתו אומנתו, און וויבאלד אז תורתו - איז מען מדגיש אז דאס איז פארבונדן מיט "מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", און התחלת הכתוב איז מיט "הנה מה טוב", וואס ער זאגט דאך אויף דערויף אין ספרי און רש"י ברייגנט דאס אראפ בפירושו על התורה, אז בשעת ס'שטייט "הנה" איז דאס א לשון של שמחה,

בדוגמא ווי מ'זאגט אויף כללות עבודת ה' - "עבדו את ה' בשמחה", ובמיוחד לג"ב איז דאס א שמחה און א שמחה גדולה - געפינט מען אויכעט א סיפור פון די הנהגה פון רשב"י פארבונדן מיט חביריו, און בשעת זיי האבן זיך געקאכט און גערעדט אין תורה, ווי אזוי דעמולט איז אויכעט תושבע"פ מדגיש די הפלאה וואס איז דעמולט געווען בא רשב"י.

און דאס איז וואס דער ירושלמי זאגט אין חגיגה: אז ס'האבן זיך צוזאמען געקליבן שבעה זקנים "לעבר" - צו מאכן דעם עיבור החודש בבקעת רימון, און דערנאך רעכנט ער אויס די נעמען פון די שבעה, ביניהם איז ר"ש וואס סתם ר"ש איז רשב"י, און ר"מ ר"י ר' נחמי', ר' יוחנן הסנדלר - זיבן נעמען, און מ'האט זיך מפלפל געווען אין דעם ענין פון לעבר את החודש, און מפלפל געווען אין א אופן חריף ווי דער ירושלמי איז דארטן מאריך, ביז וואנעט אז די מפרשים ברייגנען אויף דערויף אראפ אז ס'איז געווען א ענין פון מלחמתה של תורה אין א אופן של מלחמה.

און דערנאך איז ער מסיים, אז ונפרדו - מ'איז זיך פאנאנדערגעגאנגען בנשיקה. ניט ווי מ'זאגט "ואת והב בסופה" - אז אפי' אט די וואס שטייען במלחמתה של תורה איז דערנאך איז בסופה שטייט מען אין א אופן "ואת והב" - פון אהבה, וואס אהבה קען דאך זיין אין כמה אופנים: אין אזא מין אופן אז מ'קען דאס ארויסגעבן בדיבור אדער ברמז, במעשה וכיו"ב, דערנאך איז דא אן אהבה גדולה ביותר וואס מ'זעט דאס בפועל אז אין וואס דריקט זי זיך דעמולט אויס - דריקט זי זיך אויס בנשיקה.

און אט דא איז מען מפליא, אז פריער איז טאקע געווען א מלחמתה של תורה, און ס'איז דאך פארשטאנדיק ווי גערעדט בארוכה אין די התוועדות פון שבת, אז בשעת ס'איז אורייתא הוא דקאמרת לי', איז דאס בא עם דער גאנצער אמת, און דער אמת וואס דאס איז חייו ואורך ימיו.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אויף וויפל בא עם האט קיין ארט ניט דער ענין ווי דאס איז מצד תורתו של חברו.

וואס דאס איז דאך בכמה ענינים, נאך א שטארקערע מלחמה ווי בשעת מ'האט מלחמה איבער כסף וזהב, אדער מ'האט מלחמה איבער שטחים וארצות, איז דאך פארשטאנדיק בפשטות אז אפי' דער וואס האט מלחמה איז בא עם חיי נפשו טייערער.

דא איז געווען די מלחמה איבער א ענין וואס הם חייהם - אט דאס איז געווען זייער חיים!

דערנאך זאגט מען אז די תנאים זיינען געשטאנען אין אזא מין מעמד ומצב נאכמערער, אלע תלמידי חכמים איז "ואת והב בסופה" - אז בסופה פון מלחמתה של תורה - וויבאלד אז דאס איז מלחמה צוליב דער תורה - ניט אריינגעמישט די אייגענע ישות, און אז עם פאלט איין א סברא טענה'ט ער אז כן יקום! און די גאנצע וועלט איז דברים בטלים ומבוטלים ווארום ס'דארף זיין ווי בא עם קומט אויס! עד כדי כך אז ער וויל ניט א קוק טאן אין דעם ארט וואו מ'באווייזט וואו ס'שטייט פונקט פארקערט ווי ער האט געזאגט, מצד דערויף וואס ניט תורה לערנט עם נאר ער וויל אריינשטעלן אין -ירה אט דאס וואס בא עם קומט אויס!



הנחה פרטית בלתי מוגה

און אט דעמולט איז ער שגיאות מי יבין - יעדער בו"ד איז עלול לטעות, איז אמאל פאלט אריין א סברא וואס דאס איז א סברא של-קיימא, און אמאל פאלט אריין א סברא וואס אן אמת'ער ת"ח הערט זיך צו וואס ס'זאגט עם א צווייטער, אפי' תלמידי, און ס'ווערט מתלמידי יותר מכולם נאכמער ווי רבותיו, אז א תלמיד איז עם מגלה, ביז וואנעט אז ער קומט און זאגט דברים שאמרתי לפניכם איז טעות הם בידי, ווי די גמ' זאגט דאס אנטקעגן רבא.

דערציילט מען דא, אז דא איז געווען ת"ח איז דערנאך נפרדים מאהבה, מבטל זיין די דעת המנגד, דאס איז די ראי' אז דאס איז ניט קיין ת"ח און אז די מלחמה איז ניט מלחמתה של תורה, ווארום מלחמתה של תורה ואוריתא הוא דקא מרתחא לי', איז אט דעמולט האט מען א כלל אז "ואת והב בסופה" - מוז ער דאס ענדיקן מיט א ענין של אהבה.

אז ס'קומט לג"ב און מ'הויבט אן נאכקוקן תורתו של רשב"י, וואס בא עם איז דאך געווען יעדער הנהגה זיינע ווי ס'איז אויסגעקומען ע"פ תורה, איז דאס איז געווען דער גדול לימוד שמביא לידי מעשה, איז בא עם געווען ניט א טייל פון זיין הנהגה דערפאר וואס דעם איז א פס"ד בתורה, און דערנאך איז דא א הנהגה וואס זי איז ח"ו ניט פארבונדן מיט תורה - וויבאלד אז תורתו אומנתו, איז יעדער מחדו"מ פון רשב"י איז דאס געווען ווי תורה ווייזט אן ווי אזוי מ'דארף טראכטן, און וואס מ'דארף רידן, און וואס מ'דארף טאן אפי' אין עניני העולם.

און אט דאס זאגט מען אז דאס איז געווען די מסיבה פון אזוינע תנאים, וואס בא אלעמען איז פריער געווען דער מלחמתה של תורה מיט די גאנצע שטארקייט, ווי ס'דארף זיין מלחמה של תורה, און דערנאך האט זיך געענדיקט "בסופה" [וואס חז"ל טייטשן דאס אפ בסופה (חולם)], והב אין א אופן של אהבה, און אזא מין אהבה גדולה, ביז וואנעט אז "נפרדו" - מ'איז זיך פאנאנדערגעגאנגען מיט נשיקה.

דערנאך איז דער ירושלמי ממשיך, אז עכ"כ איז געקומען די אהבה, - נשיקה איז א ראי' אז דאס איז א אהבה גדולה ביותר, דאס איז נאך אבער ניט קיין הוכחה אז בא עם איז יענער טייערער ווי ער איז בא זיך, איז דער ירושלמי ממשיך: אז מאן דלא הוי לי' גולי - אז צווישן די תנאים וואס זיינען דארט געווען האט ניט געהאט קיין טלית הראוי לשמו, - ערומים קען מען ניט זאגן אז זיי זיינען געווען, ווייל זיי האבן זיך עוסק געווען בתורה, מוז מען זיין מכוסה בלבושים, אבער אעפ"כ איז לא הוי לי' גולי - ווי מפרשים טייטשן אפ - א טלית, און האבן ניט געהאט קיין לבוש המתאים, איז דער אנדער תנא איז מקטע גולי דילי' - האט ער אפגעהאקט א טייל פון זיין טלית און האט דאס אפגעגעבן דעם תנא וואס לא הוי לי' גולי.

וואס דאס איז נאכמערער פון נשיקה: בא א ת"ח דער לבוש זיינער איז דאס א ענין וואס ע"פ תורה איז דאס פארבונדן מיט כבוד התורה,

ביז וואנעט אז מ'זאגט די כמה גדרים, אז לבושו של ת"ח דארף זיין א ליינגער, ביז וואנעט מ'ווערט ניט זען עקבו כמבואר בכ"מ, ועד"ז נאך כמה ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט לבושו, וואס ר' יוחנן הוי קרי למאני' מכבדותי - דאס איז א ענין וואס איז נוגע צו כבוד של האדם, און וויבאלד אז בא דעם אדם איז זיין גאנצע מציאות - תורה, איז דאס נוגע צו כבוד התורה,

וואס דערפאר איז א לבוש פון א ת"ח וואס נמצא עליו רבב מערניט ווי מצד אחד, איז דאס היפך פון זיין גאנצע מציאות, וואס דערפאר איז אויכעט זיין עונש, ווי ער זאגט אין מס' שבת ובכ"מ - היפך פון זיין מציאות.

אע"פ וואס דאס איז מערניט ווי א רבב, און מערניט ווי מצד אחד, און מערניט ווי א לבוש, און ניט גופו,



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דא איז דאס געקומען עד כדי כך, אז מקטע - ער האט מחסר געווען, און אפגעהאקט, און אראפגענומען פון זיין לבוש, וואס דורך דערויף האט ביי עם געפעלט, כדי דער חבר זיינער זאל האבן - וואס ער האט מיט עם ערשט געפירט מלחמתה של תורה - א טלית, עכ"פ א קטע פון א טלית.

דערנאך איז ער ווייטער ממשיך אין ירושלמי: אז פארוואס איז דאס געווען אין אזא מין אופן? דערפאר וואס יעדערער פון די מסובין האט געלערנט זיבן אופנים אין דיִם פסוק "כרם הי' לידידי",

וואס דאס איז א פסוק אין ישעי' - דער נביא הגאולה והישועה, וואס דארטן זאגט ער ניט א ענין של גאולה, ואדרבה: א ענין הפכי, ווי אזוי דער אויבערשטער "לידידי", האט געהאט א כרם, און "ויקו" - ער האט געהאפט אז דער כרם וועט געבן גוטע ענבים (ווי ער איז דערנאך ממשיך אין דער נבואה).

זאגט ער אין ירושלמי, אז זיי האבן געלערנט זיבן פירושים אין דעם ענין פון דעם פסוק "כרם הי' לידידי".

זיינען מפרשים מפרש וואס איז דא די שייכות דוקא צו דעם פסוק? אזוי ווי די תנאים זיינען געזעסן אין א כרם, [וואס דערפאר ווערט דאס אויכעט אנגערופן כרם ביבנה, און אזוי אויכעט אין די דוגמאות און משלים וואס ווערט אנגערופן בשם גורן אין שה"ש, וואס דארטן רעדט זיך וועגן סנהדרין און מ'פארגלייכט דאס ווי א גורן בכרם] איז דערפאר האט מען אויכעט געלערנט די זיבן פירושים אין דעם פסוק וואס ס'רעדט זיך וועגן א כרם.

וואס דאס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: פסוקים וואס רעדן זיך וועגן א כרם איז דא א ריבוי עצום, און מ'דארף ניט זוכן אין נביאים בשעת מ'האט דאס אין חומש בכו"כ מקומות? און דא האט מען אויסגעקליבן דוקא אט דעם פסוק!

און דערנאך איז ער מסיים און חותם דעם סיפור אין ירושלמי: אז פון די אלע תנאים ווער האט זיך מער געקאכט און אויפגעטאן, און מחדש געווען אין די פירושים אין דעם פסוק איז דאס געווען ר"ש.

וואס אט דא זעט מען אז אין א מסיבה וואס אין איר איז מען מסיים אז ס'האט זיך פארענדיקט בנשיקה, און נאכמערער: אז מ'האט מקטע געווען פון זיין לבוש - זיין טלית כדי אפצוגעבן צו דעם צווייטן תנא וואס לית לי' גולי - טלית,

- איז ווער האט זיך אין דערויף געקאכט און אויפגעטאן פון די אלע זיבן, איז דאס געווען ר"ש סתם, וואס ר"ש איז דאס רשב"י.

וואס אט דא זעט מען - נוסף אויף דעם ענין פון "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", וואס דאס גייט דאך אויף יעדער אידן, און אויף אלע אידן, וואס אידן נקראים אחים למקום, - איז נאך דא אין די וואס תורתם אומנתם, און די וואס זיינען חביריו פון רשב"י, און די וואס זיינען לוחם מיט עם מלחמתה של תורה - מ'גייט זיך פאנאנדער אין א אופן של נשיקה, איז אין די גופא איז ווער צייכנט זיך אויס אין דער נשיקה, און אין די מקטע טליתו, וואס דאס קומט אלס תוצאה פון דעם לימוד התורה באופן כך - זאגט דער ירושלמי אז דאס איז רשב"י.

וואס דערמיט קען מען אויכעט מפרש זיין פארוואס מ'פארבינדט דאס דוקא די דרשה פון א כרם מיטן פסוק "כרם הי' לידידי", "ויקו" אז ער וועט מאכן ענבים טובים, און דערנאך איז געווען ענבים וואס זיינען היפך פון טוב, - וואס דאס איז ענינו פון רשב"י:

אז בשעת ס'איז דא א וועלט און די וועלט שטייט אין א מעמד ומצב וואס זי



הנחה פרטית בלתי מוגה

האט אויף זיך א דין, איז אט דעמולט שטעלט זיך אוועק רשב"י און זאגט "יכולני לפטור את כל העולם ממדת הדין", דורם דעם וואס ער איז דער "צדיק יסוד עולם"!

וואס דערפאר ברייננגט מען דוקא אט דעם פסוק וואס ס'רעדט זיך בײדע זאכן אז בפועל איז דאס ענבים וואס זיינען היפך פון ענבים טובים, מ'זאגט אבער אז אעפ"כ - וואו וואקסן די ענבים, אין דעם כרם וואס הי' לידידי - פון דעם אויבערשטן! און וואס האפט דער אויבערשטער פון די ענבים - ויקו, אז זיי וועלן זיין ענבים טובים!

וואס דאס איז דאך אויכעט די הסברה, וואס מ'זאגט א הבטחה אז זיכער לא ידח ממנו נידח, דערפאר וואס תשובה - איז ניט דער טייטש ווי בא אוה"ע דער ענין פון חרטה. תשובה איז דער טייטש אז ער קערט זיך אום לידידי, ווארום אט דאס איז זיין עצם הנפש, און זיין רצון האמיתי, ווי דער פס"ד פון רמב"ם אז יעדער איד אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל זיך ניט געפינען, ביז וואנעט אפי' א איד אז סנהדרין פסק'נט אפ אז ער דארף ברייננגען א קרבן, און ער זאגט אז ער וועט דאס ניט טאן,

און מ'זאגט עם מוסר, מאה פעמים, מאה ואחת פעמים, און ס'האט גארנישט געהאלפן, און מ'מוז אנקומען צו "כופין אותו" -

זאגט דער רמב"ם דער ביאור אלס א הלכה אין תורה, אז ס'איז א הלכה און א פס"ד אין תורה אז אפי' אזא מין איד. וואס האט אליין געהערט פון סנהדרין, און האט דאס געהערט ביז מאה פעמים און נאכמערער, און אעפ"כ איז עומד בסורו, איז דאס ניט זיין רצון, דאס איז מערניט ווי יצרו אנסו!

און אז מ'וועט מבטל זיין זיין יצר, אט דעמולט ערשט וועט מען וויסן וואס איז זיין רצון, ביז וואנעט אז ער זאגט דאס אויכעט - רוצה אני, און דאס ווערט "לרצונכם תזבחוהו", א קרבן וואס ווערט געבראכט מרצון הבעלים.

וואס דאס איז די הסברה אין שכל הפשוט, פארוואס טאקע בל ידח ממנו נידח, וויבאלד אז דאס איז א בו"ד, און "יצר לב האדם רע מנעוריו", איז פארוואס איז דאס טאקע די זיכערקייט אז ס'קען גארניט זיין אנדערש, אז ס'איז א זיכערע זאך אז אל ידח ממנו נידח -

איז די הסברה בפשטות: ס'איז מערניט וואס "יצר לב האדם רע מנעוריו", במילא קען זיין אז יצרו אנסו,

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן א אידן, איז אט דעמולט וואס איז די מציאות פון א אידן - איז די מציאות פון א אידן, ווי דער ווארט (תורה) פון דעם אלטן רבי'ן אז א איד ניט ער וויל, און נאכמער: ניט ער קען זיין א נפרד פון אלקות - פון ג-טליכקייט.

ס'איז מערניט וואס מ'דארף מבטל זיין דעם יצרו אנסו, וואס דערפאר איז מען בטוח אז בל ידח ממנו נידח (אדער לא ידח ממנו נידח, ווי די בײדע לשונות וואס ס'ווערן געבראכט) אז ס'איז א זיכערע זאך אז עושה תשובה.

במילא איז א זיכערע זאך אז וויבאלד אז "כרם הי' לידידי", און דארט האט ידיד - דער אויבערשטער - איינגעפלאנצט ענבים, און ער זאגט אז ויקו - דער אויבערשטער האט געהאפט אז ס'וועט זיין ענבים טובים, איז א זיכערע זאך אז די ענבים זיינען טובים.

ס'קען נאר זיין אז יצרו אנסו, במילא איז געווארן לפי שעה די ענבים וואס היפך פון טובים, און אט דאס זאגט רשב"י און איז מגלה, "יכולני לפטור את כל העולם מן הדין", און ווי דערמאנט אין די פריערדיקע התוועדות אויב דער עולם

בלייבט לאחרי ווי רשב"י באפריט עם פון דער דין - ח"ו בקלקולו האט ער עם קיין טובה ניט געטאן,

- א עונש, איז ווי ער זאגט אין תניא און ספרי מוסר, און פארשטאנדיק מעצמו, וויבאלד אז דאס איז א עונש ע"פ תורת חסד, איז פארשטאנדיק אז דורך דעם עונש פארדינט מען כמ"פ ככה פון דעם עונש,

וויבאלד אז מ'זאגט אז מ'נעמט אראפ דעם עונש, האט מען דאך ניט אט דאס וואס מ'פארדינט ע"י העונש, איז אין וואס באשטייט די טובה וואס מ'האט געטאן בשעת ס'בלייבט - ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק - אז דאס איז א משל פון בנו של המלך וואס ער איז ניט אין א ריינעם אופן, און דער מלך וויל עם אפוואשן די ריינע ענינים כדי ער זאל קענען זיין מיטן מלך,

און אויף אפוואשן דארף מען אמאל האבן קאלטע וואסער, לעבליכע וואסער, און אמאל מערער ווי לעבליכע וואסער, וואס דעמולט איז דאך לפי שעה האט דאס אן אויסזען פון א עונש, ס'איז דאך אבער אויכעט בפשטות האט דערביי גלייך דער שכרו כמ"פ ככה, אז ער געפינט זיך מיטן מלך אין א אופן פון טהרה וקדושה.

בשעת רשב"י זאגט אז ער קען אויפטאן א גרויסע זאך - פוטר זיין את העולם ממדת הדין, איז דערפון פארשטאנדיק אז דאס וואס ס'טוט זיך אויף ע"י מדת הדין וועט אויפגעטאן ווערן, דאס וועט אויפגעטאן ווערן ניט ע"י עונש, ולא ע"י יסורים (ווי מ'זאגט דער ל' אין תפלה בכל יום) נאר וואדען, דורך דער אופן וואס דאס טוט רשב"י.

בזכותו ובהשפעתו, ווי דערמאנט אויכעט פריער, אז בזמנו של רשב"י איז רביין דעלמא - תנוקות פון וועלט - וועלטישע תנוקות, האט רשב"י מיט זיי געלערנט תורה בזמנו, ביז וואנעט אז דאס האט דורכגענומען די רביין דעלמא, - ס'שטייט ניט אז זיי זיינען געווארן תלמידים פון רשב"י, דעמולט זיינען זיי ניט רביין דעלמא, ווערן זיי תלמידיו של רשב"י,

רשב"י האט אויפגעעפנט די מעיינות תהום רבה, וארובות השמים נפתחו, ווי ער בריינגט דאס אראפ אין זהר בהמשך צו דעם סיפור, ביז וואנעט אז ס'האט זיך גענאסן רזי תורה אין א אופן ווי ס'גיסט זיך ארובות השמים - פון מעיינות תהום, האט דאס אויכעט דורכגענומען די רביין דעלמא.

עד"ז, איז תורה האט אין זיך דעם ענין אז דאס איז דוחה כל דבר בלתי רצוי, שווייגנקט דאס אראפ תורה, און איז דאס מרחיק, ביז וואנעט אז דאס איז דאס מבטל,

איז בשעת רשב"י - וואס תורתו אומנתו און אין אן אופן פון צדיק יסוד עולם - האט ער אויפגעטאן אז דער שכר וואס מ'האט ע"י עונש וואס קומט ע"י מדת הדין, האט מען דאס דורך דערויף וואס "יכולני לפטור" - דורך זיין זכות, און דורך זיין תורה, און דורך זיין הנהגה, ווערט בדרך ממילא נשתנה די הנהגה פון דעם עולם מכאן ולהבא.

בדוגמא ווי געזאגט בנוגע צו רביין דעלמא, אין תורה, בנוגע צו לימוד רזי תורה.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז מ'באווייזט פריער אין תורה אז אע"פ וואס מ'איז לוחם זה בזה אין תכלית התוקף, פונדעסטוועגן איז דערנאך איז "והב" און נאכמער "נשיקה", ביז וואנעט אז דאס קומט אראפ אין א אופן אז ער נעמט צו פון זיך און גיט דאס אפ דעם צווייטן, אע"פ וואס דורכדעם ווערט בא עם א חסר,

וכידוע דער ווארט פון דעם אלטן רבי'ן וואס מ'האט בא עם געפרעגט וואס איז



הנחה פרטית בלתי מוגה

דאס א ענין פון א חסיד - און ער האט געענטפערט אז דאס איז דער וואס פארבויגט אויף אן אייגענעם היזק אבי צו טאן א טובה, אדער פאוה'יטן א דבר בלתי רצוי צו א צווייטן אידן,

מ'האט געפרעגט ביי עם: יעדער ענין דארף דאך האבן א ארט אין נגלה, האט ער אנגעוויזן אויף די גמ' אין נידה בנוגע צו צפרניים, וועגן היזקן, און השורפן, כידוע דער סיפור המעשה בזה.

וואס דערפאר איז דאס אויכעט דער קשר, אז פון מלחמה ווי דאס שטייט אין תורה, איז דערנאך ווערט נשיקה, ביז וואנעט אז מקטע פון זיין גולי - פון זיין לבוש, און גיט דאס אפ א צווייטן אע"פ וואס דורכדעם וועט בא עם פעלן -

קומט דאס דערנאך אראפ שנשתלשלו מהן - אין דער מלחמה פון סטרא דקדושה מיט לעו"ז - אין דער מלחמה פון יצרו אנסו, מיט א אידן,

וואס א איד איז "ויקוו" אז יעשה ענבים טובים, און דערנאך איז דא יצרו אנסו, איז געווארן ענבים אין א אופן הפכי, איז אין דערויף קאכט זיך רשב"י, און זאגט זיבן אופנים,

וואס דאס איז דער מנורת זהב כולה, וואס ער זאגט אז דאס איז בית ישראל, ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר אז דאס איז כולל אלע אידן, און יעדער אידן, וואס ווערן פאנאנדערגעטיילט אויף שבעה נרות, וואס יעדער נר האט זיך זיין אור, מיט זיין שמן, מיט זיין פתילה, און זיין מסילה דורך וועלכן ער דינט דעם אויבערשטן, דאס איז אבער מקשה אחת מנורת זהב כולה,

איז סוכ"ס ווערט דאס אין א אופן אז ניט נאר אל ידח ממנו נידח, נאר ס'ווערט א התאחדות פון כל ישראל כולם, ניט נאר אין אופן פון אהבת אחים, נאר "גם יחד" - ווי דער צ"צ טייטשט דאס מל' יחוד, דאס ווערט איין און איינציקע זאך, ביז וואנעט אז דערפון קומען ארויס אויכעט תולדות בעולם כולו.

וואס דאס איז אויכעט א לימוד נוסף בנוגע צו אט די וואס זיינען אין דעם ענין פון לימוד התורה, עכ"פ קביעות עתים לתורה, זמנים קבועים ביום; אע"פ וואס אין תורתם אומנתם, [אפי' ווי תורתם אומנתם קען זיין בזה"ז, ווארום עבודתו איז אין א אופן פון שבט זבולון - מארי עובדין טבין, אבער אין זיין קביעות עתים איז דער דיוק בזה ווי דער לשון קביעות עתים, קבעת עתים לתורה אז די זמנים וואס ער גיט אפ אויף תורה איז דאס בא עם אין א אופן של קביעות, וואס קבוע איז אינו בטל!

ס'איז דאך לכאו' מערניט ווי א טייל פון טאג, - אט דער טייל איז אבער "קבעת" - קבוע, איז דאס ניט בטל לגבי דעם גאנצן טאג, אדרבה: זיין השפעה איז ניכר במשך כל היום כולו.]

זאגט מען אויף דערויף די הוראה, אז די וואס תורתם אומנתם אויף וויפל ס'איז שייכות בזה"ז, אין די קביעות עתים בתורה וואס דאס איז דאך א חיוב און א זכות פאר יעדער אידן, ווי ער זאגט אין הל' ת"ת פון דעם רמב"ם און ב"י און אויכעט ביז אין הל' ת"ת פון רבינו הזקן די פרטים בדבר,

איז אין אט די קביעות עתים בתורה איז דאס אין אזא מין אופן וואס מ'קאכט זיך אין דעם ענין פון "כרם הו' לידידי", וואס אין תורה גופא איז דאך דא "שדה", וואס דארטן וואקסן חטים ושעורים, וואס דאס איז ווי ער איז מפרש אין לקו"ת דער ענין פון "נגלה דתורה",

דערנאך איז דא דער ענין פון כרם, וואס דארטן וואקסן גפנים וזתים, וואס

זיי גיבן ארויס יין ושמן, וואס דאס איז דזין ורזי רזין דאורייתא, וואס דאס איז דאך ענינו פון רשב"י, אז יין ושמן דתורה זאל ער דאס אראפברייגגען און ארויסברייגגען בנגלה, ביז .וואנעט אז דאס נעמט דורך אויכעט רביין דעלמא - תנוקות וואס זיי זיינען געווען ביז דעמולט אין וועלט, און דערנאך זיי לערנען, און זיינען מפיץ רזי תורה אין א אופן פון נגלה,

און אט דער כרם, זאגט מען אז דאס איז כרם פון ידידי - פון דעם אויבערשטן, אלס דער וואס ער איז ידידו פון כל אחד ואחת מישראל!

דער אויבערשטער האט נאך כו"כ שמות, און ווי ער זאגט אין מדרש אז לפי הפעולות שלו אזוי ווערט ער אנגערופן, אז בשעת א ענין פון מדה"ר איז דאס שם ה', און אז ס'איז א ענין פון א מידה הפכית איז דאס דעמולט שם אלקים, און א הנהגה פון מידת החסד איז דאס שם א-ל,

דערנאך איז דא א נאמען וואס דער אויבערשטער ווערט אנגערופן -- ווי ער ווערט אנגערופן אין דעם פסוק - בשם "ידידי", וואס א ענין פון ידיד איז דאס נאכמערער פון רחמים, און חסד, און פון כל הפרטים וואס מ'קען אויסמאלן וויבאלד אז דאס רעדט זיך פון ידידות פון אלקי אמת - א ידידות אמיתית.

וואס דערפאר איז אויכעט פארשטאנדיק אז א ידיד איז דאס ניט פון שמות של קודש, א שם של קודש איז פארבונדן מיט א אידן נאך דערויף וואס ער האט געוואשן נעגל-וואסער, עאכו"כ אז ער דארף זיך געפינען אין א מקום טהור, און דערצו נאך אויכעט וואשן נעגל-וואסער.

ידידו - איז אין וואס פאר א מעמד ומצב א איד געפינט זיך ניט, אפי' ער איז געווען בדרך רחוקה, און טמא לנפש מיט אלע פרטים שבדבר, איידער - קודם שטבל, איידער ער האט געוואשן נעגל-וואסער, און נאך איידער ער איז אנטלאפן פון דעם ארט, איז שוין דארטן וואו די ענבים זיינען היפך פון די ענבים טובים, איז אט דארטן האט ער שוין די ידיעה און הודעה פון ישעי' הנביא וואס מלתו על לשונו, וואס דאס איז דער נביא וואס גיט איבער דעם אויבערשטן'ס ווערטער, אז ער זאל וויסן זיין אז ענבים היפך פון ענבים טובות, און נאך איידער עשה תשובה, זאל ער וויסן זיין אז ער געפינט זיך אין א כרם, און אין א כרם וואס געהערט צו זיין פריינט!

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק דער לימוד, און די הוראה, און די נתינת כח צו יעדערן עד סוף כל הדורות, בנוגע צו די הנהגה ווי ס'דארף ארויסגעבראכט ווערן ע"י אהבת ישראל.

וואס אע"פ כאמור, מ'קען זיך ניט גלייכן צו רשב"י - אבער נאך דערויף וואס "פתח את הדרך", און נאכמערער: אז דאס איז ארייגגעשטעלט געווארן אלס א סיפור אין תורה,

און ווי רשב"י זאגט אין פ' בהעלותך את הנרות, אין דעם סיפור און פירושים אויף דעם ענין פון פ"ש, וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט טמא לנפש, און "דרך רחוקה", שטעלט ער דארט ארייין א גאנצע אריכות, אז ר"ש האט געזאגט אז וי להו - א רחמנות און א אומגליק אויף די וואס רעכענען אז די סיפורים שבתורה איז דאס א ענין של סיפור.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק בנוגע צו דער סיפור וועגן רשב"י, אז ח"ו צו זאגן אז דאס איז מערניט ווי א סיפור - ס'איז א זיכערע זאך אז אזוי האט דאס געטראפן מיט אלע פרטים, פונקט אזוי ווי די סיפורים שבתושב"כ, מיט אלע פרטי פרטים, אבער ביחד ע"ז זאגט רשב"י בהאי חיבורא דילי' (ספר הזהר) אז אוי וי (מיט אלע לשונות וואס ער רעכנט דארטן אויס) אויף דעם וואס ער זאגט אז דאס איז א



הנחה פרטית בלתי מוגה

סיפור; דאס איז א ענין און א הוראה, ביז - ווי ער איז דארטן מסיים אז ס'איז א ענין פון א נשמה דאורייתא, ביז ווי ער איז דערנאך ממשיך אז לע"ל וועט מען איבכעט לערנען און האבן די נשמתא לנשמתא.

אבער די פשוטי הדברים - ווערט דאס א הוראה, וואס מ'נעמט טאקע ארויס פון דעם סיפור, דאס איז אבער א הוראה צו די וואס לערנען דעם סיפור,

און מ'האט דערביי די הודעה אז איני מבקש אלא לפי כחם, איז וויבאלד אז מ'האט דערפון דערציילט יעדער אידן, אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל זיך ניט געפינען, איז א זיכערע זאך אז ער קען זיך אזוי פירן, בפרט נאך ווי כאמור, רשב"י האט אויפגעעפנט די וועג, און דורכגעטראטן די וועג, אז אפי' אט די וואס זיי זיינען לפי שעה אין א מעמד ומצב פון ענבים היפך פון ענבים טובים - זאל ער געדיינקען דעם אמת, אז ער געפינט זיך אין דעם "כרם הי' לידידי"! און דער אויבערשטער קוקט זיך צו וואס פאר א יחס - ווי אזוי מ'באציט זיך צו זיינע נכסים בכלל, בפרט נאך צו נכסים וואס זיי ווערן אנגערופן בשם ענבים, וואס ענבים גיבן דערנאך ארויס יין המשמח אלקים ואנשים, נכנס יין יצא סוד, דאס גיט ארויס די רזין דאורייתא.

און בשעת מ'מאנט דאס בא א אידן, מאנט מען דאס בהוספה לכל זה, און דאס איז אויבעט א עיקר: אז מ'זאל דאס טאן אין א אופן פון שמחה, און א שמחה גדולה,

און "כדאי הוא ר"ש לסמוך עליו" - מ'פארלאזט זיך, און מ'לענט זיך אן,

און מ'גייט בדרכו אשר הורנו ונלכה באורחותיו, ווערט דאס א ענין פון נצח סלה ועד - אן אייביקע הנהגה, ווארום דאס איז א הנהגה ע"י תורת נצח, וואס התורה זו לא תהי' מוחלפת,

און דאס ווערט סלה ועד, אז דאס ווערט נמשך אין אלע עולמות, ביז אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו, אז דארטן זעט מען בגלוי, אז זרעו בחיים, - ווי אזוי אידן, אנהויבנדיק פון אידישע קליינע קינדער, אינגלאך, און מיידלאך זיינען זיי "בחיים" - זיי לעבן מיט אט די ענינים אין וועלכע רשב"י האט אנגעוויזן און האט זיך געקאכט אין זיי, און לעבט אין זיי,

לעבן אזוי אידישע אינגלאך און מיידלאך, אין די מדינות וואס מאחורי מסך הברזל, אדער אין די מדינות וואס געפינען זיך אין א אופן וואס מ'קען טאן אלץ ווי ביי זיי קומט אויס, און זיי האבן אויסגעקליבן - ובחרת בחיים, אין תורת חיים ומצוותי', עליהם נאמר וחי בהם.

און וויבאלד אז זרעו בחיים, איז הוא בחיים, און ער גייט מיט מיט יעדער אידן, און ס'גייט מיט מיט זיי צוזאמען די שכינה, ווי דערמאנט פריער, אז רשב"י זאגט אז אידן בכל מקום שגלו ישראל, איז נוסף אויף דערויף וואס דער אויבערשטער האט מבטיח געווען אז ער וועט זיי פון דארט ארויסנעמען, און פון גלות זה האחרון וועט ער זיי ארויסנעמען אין א אופן אז קיין איין איד וועט ניט בלייבן אין גלות

- זאגט רשב"י נאכמערער: אז בכל מקום שגלו ישראל איז שכינה עמהם!

אט דארט וואו א איד געפינט זיך אין גלות, אט דארט געפינט זיך מיט עם צוזאמען די שכינה, און דער אויבערשטער, און אין וואס פאר א אופן געפינט ער זיך מיט עם - אין א אופן וואס ער ווערט אנגערופן בשם "שכינה", ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ אין תניא, ע"ש ששוכנת ומתלבשת!

ניט זי שטייט פון אויבן אויף און קוקט זיך צו - עומד על גביו, אדער מצדו, וכיו"ב, נאר זי איז שוכנת ומתלבשת אין דער הארץ פון יעדן אידן - ושכנתי בתוכם - בתוך כל אחד ואחת מישראל!

און ער איז מסיים באכמערער: וואס לכאו' פרעגט מען דאך די שאלה: וויבאלד אז ער זאגט פריער אז בכל מקום שגלו ישראל שכינה עמהם, איז דאך מעצמו פארשטאנדיק אז בשעת אידן גייען ארויס פון גלות, וועט דאך זיכער די שכינה ניט בלייבן אין גלות, מאי קמ"ל?!

וואס דערנאך איז ער מסיים אז בשעת אידן גייען ארויס פון גלות, איז ושב ה"א'את שבותך - אז אויך די שכינה גייט מיט זיי ארויס,

איז וואס איז געווען דער קס"ד - אז אידן וועלן ארויס פון גלות, און די שכינה וועט דארטן בלייבן?! דער חידוש איז דאך וואס שכינה עמהם אין גלות, און ס'איז מעצמו מובן אז די אידן גייען ארויס פון גלות וועט די שכינה זיכער ארויס פון גלות.

דער חידוש איז אין דערויף אבער, אז דער אויבערשטער קען צוגרייטן אידן אז זיי זאלן זיין ראוי לגאולה, און דערנאך וועט ער שיקן משיח צדקנו, אז ער זאל זיי ארויסנעמען פון גלות, אבער ער אליין - די שכינה - וועט ארויסגיין פון גלות פאר דערויף,

ער האט זיי אפגעהיט אין גלות - לא ינום ולא יישן שומר ישראל, געהיט זיי די גאנצע צייט פון גלות, בשעת אבער ס'איז צוגעגרייט אידן אין תומ"צ בשלימות אז זיי זיינען ראוי לקבל פני משיח צדקנו, און האט איבערגעמאכט דעם לב מלכים ושרים, אז די מלכים ושרים שטייען אין אזא מין מעמד ומצב אז מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך, און זיי גרייטן זיך ברייגגען אידן אלס א מנחה בכלי טהור אין ארצנו הקדושה,

איז דאך לכאו' ניט פארשטאנדיק, וואס דארף זיין שכינתא בגלותא?! זי האט אויסגעהיט אידן, איינגעשטעלט אין א אופן אז ניט נאר מ'מאכט ניט שוועריקייטן אידן, אדרבה: מ'העלפט זיי ארויס, און מ'גרייט זיך זיי ברייגגען אנטקעגן משיח צדקנו אין ארה"ק, און ווער איז דער גייער אין די גאולה ע"י מ"צ, איז וואס דארף די שכינה זיין בגלותא די לעצטע טעג פון גלות, בשעת ס'איז שוין אלץ צוגעגרייט?!

זאגט רשב"י - נוסף אויף דעם ענין וואס בכ"מ שגלו ישראל איז אויכעט שכינתא גלתה עמהם, איז ניט אז דער אויבערשטער לאזט אידן אין גלות אפי' ווען דער גלות ווערט אין א אופן אז הי' אור במושבותם, ווארום ס'איז "מלכים אומניך וכו'" -

איז אעפ"כ גייט ניט די שכינה ארויס פון גלות ביז דער לעצטער רגע, און דעמולט גייט זי ניט בראש, ניט זי גייט פריער, און דערנאך גייט נאך א איד, נאר זי גייט ושב ה"א את שבותך - דער קטן שבקטנים פון צווישן אידן, לאזט עס ניט דער אויבערשטער אויף איין רגע אליין אין גלות.

און בשעת ער גייט ארויס צוזאמען מיט עם פון גלות, גייט ער מיט עם "את שבותך" - ניט דער אויבערשטער גייט פריער, און ער גייט מאחוריו, נאר ער גייט צוזאמען מיט עם זה בצד זה, ווארום ביידע האבן זיך געמאטערט כביכול אין דעם גלות, און פארוואס האט מען זיך דארט געמאטערט - ווי דער פתגם פון נשיא דורנו, אז ניט מיט אונזער רצון זיינען מיר געגאנגען אין גלות, און ניט מיט אונזער רצון וועלן מיר ארויסגיין פון גלות, און ס'איז אלץ ע"י ממה"מ הקב"ה,

און דא איז מחדש רשב"י, אז ארויסנעמען פון גלות איז ניט דער אויבערשטער געפינט זיך בהיכל שלו, און קוקט פון דארטן ארויס, און באווארנט כל הענינים נאר ער גייט אויך אין גלות צוזאמען מיט יעדער אידן, צוזאמען מיט אלע אידן,

דערנאך איז ער מחדש נאך א גרעסערע זאך:



הנחה פרטית בלתי מוגה

אז נאך דערויף וואס "הקב"ה עוזרו", ביז וואנעט אז ער איז ראוי לקבל פני מ"צ, מאיזה טעם שיהי', און נאכמערער: דער אויבערשטער האט צוגעגרייט די וועלט די לעצטע טעג פון גלות אז ס'זאל זיין לכל בנ"י הי' אור במושבותם, און די עמים שמסביבם זאלן זיין אין א אופן פון מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך,

אעפ"כ לאזט ניט דער אויבערשטער די אידן אליין אין גלות אויף קיין איין רגע!

און דערנאך איז ער נאכמער מוסיף:

אז אפי' אז מ'גייט צוזאמען פון גלות, קען דאך גיין פריער - ווי ס'דארף זיין - ה' לפניהם, ארון ה' איז געגאנגען לפני המחנה, און ערשט דערנאך זיינען געגאנגען משה וכל בנ"י,

זאגט ער אז אפי' בשעת דער אויבערשטער שיקט אוועק זיינע קינדער פון גלות, גייט ער מיט זיי צוזאמען, און גייט ארויס אויכעט מיט זיי צוזאמען, כביכול, ווי מ'איז גלייך אינער צו דער צווייטער, און מ'האט זיך צוזאמען געמאטערט - בכל צרתם לו צר, און צוזאמען פרייט מען זיך אין דער גאולה,

וואס ס'וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י מ"צ, וואס דעמולט וועט ארויסגענומען ווערן פון גלות יעדער איד, און אלע אידן, און יעדער שכינה וואס געפינט זיך בלבבו של כל אחד ואחת, און ס'איז קיין קשיא ניט ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אין תניא כמה שכינתא אית להו והבן,

און מ'גייט ארויס צוזאמען מיט דעם אויבערשטן יעדערער באזונדער, און אלע צוזאמען לקבל פני מ"צ, במהרה בימינו ממש.

* * *

ג. מ'האט גערעדט אינדערפרי און אויך אין שבת שלפני זה ערב ל"ג בעומר, בהנוגע צו די הוראות פון ל"ג בעומר, ווי דאס איז יום שמחתו - הילולא פון רשב"י, אויך ווי דאס געפינט זיך אין צווישן די ימי העומר, וואס דערפאר זאגט מען דאך אז דאס איז ל"ג בעומר, וואס דאס גופא איז מדגיש אז עס איז דא אזויפיל און אזויפיל טעג לפני זה, און ס'קומען נאך טעג לאחרי זה -

וואס איז דער לימוד און הוראה פון ספירת ימי העומר, ועד"ז אויך פון כמה פרטים ווי בשנה זו איז דער ערב ל"ג בעומר ביום השבת, וכו'.

ס'דא נאך אויך א הוראה וואס מ'דארף אפלערנען, וויבאלד אז מ'קען אפלערנען, וואס בשנה זו איז דאך ל"ג בעומר בפרשת בהר, וואס דאס איז דאך אויך בהשגחה פרטית פארבונדן מיט תורה, און ווי געזאגט פריער מיט קביעות לעבר החדשים, ווי דערמאנט דעם סיפור פון רשב"י אין מס' חגיגה אין ירושלמי.

וואס גלייך הויבט זיך אן (ס'ווערט טאקע אנגערופן) בשם בהר, אבער גלייך די מצוה ראשונה דארט איז דער ענין פון מצות השמיטה,

און דערנאך אויך ווי ער איז ממשיך די מצוה פון יובל, וואס זי איז בדוגמא פון ספירת העומר, וואס קומט נאך דערויף פון וספרתם לכם ניין און פערציק טעג, און דערנאך קומט יובל, נאך דערויף פון וספרתם לכם ניין און פערציק יארן.

וואס כאמור איז דאך זיכער אז אין דערויף איז דא א הוראה, און א הוראה פארבונדן מיט רשב"י, און לויט דעם ווארט פון דעם אלטן רבי'ן אויף לעבן מיט דער צייט - אפלערנען פון די ענינים העומדים על סדר היום, אויך על סדר העולם, אויף וויפל ס'איז פארבונדן מיט אידן, דארף מען דאס ארויסנעמען פון פרשת השבוע.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס צום אלעם ערשטן, קומט דא דער ענין פון שמיטה, וואס דאס איז אויך א הכנה צו יובל, האט דאך דאס א הדגשה מיוחדת, ובשנה זו איז ניט נאר ל"ג בעומר אין א פרשה וואס התחלת וראשה איז דער ענין השמיטה, נאר דאס רעדט זיך וועגן א ל"ג בעומר וואס דער גאנצער יאר איז א שנת השמיטה.

און ווי ער הויבט דאס אן אין דער סדרה.

וואס דערביי איז דאך ידוע די שאלה וואס מ'פרעגט אין דער סדרה גלייך בתחלתה, אין דעם שיעור חומש פון דעם ל"ג בעומר'דיקן טאג, וואס הויבט זיך אן כי תבואו אל הארץ ושבתה הארץ שבת לה', וואס ווערט גלייך די שאלה אין פשש"מ: כי תבואו אל הארץ הויבט זיך ניט אן פון ושבתה הארץ שבת לה', דאס קומט ערשט נאך דערויף וואס עס איז דא דער שש שנים תזרע שדך, ושש שנים תזמור כרמך, איז ערשט דערנאך ובשנה השביעית וועט דעמולט זיין דער שבת לה' - דער סדר אין פסוק איז אבער אז כי תבואו אל הארץ הויבט זיך אן די התחלה פון ושבתה הארץ שבת לה'?

וואס דא קומט צו א הוראה מיוחדת און וואס איז נוגע בענינננו, פון די תהלוכות פון אידישע קינדער, וואס דאס איז דאך א צורך, און א הכרח און פקו"נ ממש, אז מ'זאל זיך משתדל זיין אז יעדער אידישער קינד זאל באקומען א חינוך ע"פ התורה, וואס זי איז דאך דתיהם שונות מכל עם, במילא את דתי המלך אינם עושים,

ווערט דא דאך גלייך די שאלה אז ס'איז דאך דא אז אביו מלמדו אומנות, אז מ'דארף טראכטן ווי אזוי וועט דערנאך זיין די פרנסה פון דעם אידישן קינד ווען ער וועט אויסוואקסן און וועט אליין זיך דארפן פארדינען אויף זיין הוצאה - איז אביו דארף אים צוגרייטן אויך צו אט דעם ענין.

און דא קומט אריין דער פסוק און זאגט אז לכאורה איז דאס א שאלה וואס תורה זאגט אז ס'טויג ניט, הורה זאגט וכי תאמרו מה נאכל, וכמדובר כמ"פ, האט דאך געקענט אנהויבן - וואס דארף מען פרעגן א שאלה און דערנאך זאגן וואס מ'וועט ענטפערן: וצויתי את ברכתי לכם, מ'האט געקענט גלייך זאגן אז וצויתי את ברכתי לכם, און מ'וועט האבן וואס צו עסן, ובדרך ממילא וועט ניט זיין קיין מקום אז עס זאל זיין די אמירה פון "מה נאכל", וויבאלד אז "לא נזרע ולא נאסוף את תבואתינו".

איז דאס איז די הוראה, בפרט אויף ימינו אלו, ובמכש"כ וק"ו מה דאך בשנים כתיקונם וואס דעמולט איז אויך געווען די מצות יובל וואס דאס דארף מען דאך האבן דעם תנאי בזמן שכל יושבי' עלי', דערפאר איז דאך געווען א ריבוי זמן וואס עס איז געווען די מצות שמיטה, און עס איז ניט געווען די מצות יובל,

איז אפילו אז עס איז געווען א מצות שמיטה מה"ת, און בכל פרטי', און ס'איז געווען די מצות יובל ווארום כל יושבי' עלי', איז דעמולט זאגט תורה אז עס איז דא א מציאות אז א איד וואס פירט זיך ע"פ תורה, זאל זאגן "תאמרו מה נאכל", וויבאלד אז "לא נזרע ולא נאסוף את תבואתינו",

עאכו"כ אז דאס ווערט א שאלה עיקרית בימינו אלו, מ'קומט צו גיין צו עלטערן און מ'זאגט זיי, איר זאלט וויסן זיין אז איר זיינט אידן, און א ישראל אע"פ שחטא ישראל הוא, ווי איר פירט זיך ביז היינטיקן רגע, זאלט איר וויסן אז "ישראל הוא", איר זיינט "בני אברהם יצחק ויעקב", און "בני שרה רבקה רחל ולאה", במילא דארפט איר ערציען אייערע קינדער אז זיי זאלן זיין אידישע קינדער, דורך דערויף וואס זייער טאג טעגלעכן לעבן זאל זיין א אידישער לעבן,

וואס דאס קען זיין נאר אויף אזא אופן אז זיי וועלן באקומען א חינוך כשר, וואס דער חינוך כשר איז כולל אין זיך אז דער עיקר הלימוד דארף זיין לערנען דעם אויבערשטן'ס תורה, און לערנען ווי אזוי מ'דארף מקיים זיין זיינע מצוות, מיט אלע פרטים וואס זיינען דערמיט פארבונדן,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

פרעגט גלייך די מאמע, און אמאל אויך דער טאטע: "וכי תאמרו מה נאכל"? ער וועט זיך אויסוואקסן און וועט דארפן פארדינען אויף פרנסה, און אויב ח"ו משיח וועט דעמולט ניט קומען וועט ער דארפן פארדינען די פרנסה בדרך הטבע, דארף מען דאך אים צוגרייטן ע"פ דרך הטבע ער זאל (בלשון המדינה) מאכן א לעבן,

האט דער שווער, דער נשיא דורנו, געענטפערט אויף דעם, אז מאכן א לעבן, מאכט דער אויבערשטער, וואס ער איז דער מחי' חיים, און ער איז דער נותן חיים, און אלץ הייגנט אפ אין דעם אויבערשטן, אפילו און נאכמערער עאכו"כ דער ענין הפרנסה.

און ווי ס'שטייט אויף דערויף דער משל אז בשעת מ'האט אסאך געלט, דארף מען האבן א גרויסע קעשענע וואו אריינצולייגן די געלט, בשעת עס איז אבער דא איינער וואס ער גיט אפ זיין גאנצן לעבן אויף אנצוגרייטן גרויסע קעשענעס, און טוט גארניט אויף באקומען די געלט, בלייבן ר"ל די גרויסע קעשענעס פוסט, מ'דארף טאקע האבן א קעשענע לפי מידת הממון, דער עיקר איז אבער מ'זאל זיך משתדל זיין אויף באקומען דעם ממון, און אין דער וועג אין וועלכן מ'באקומט דעם ממון, וואס וואס איז דערצו די וועג, איז דאס "ברכת הוי' היא תעשיר"! דאס קומט דוקא דורך דעם אויבערשטן'ס ברכות,

און אז דער אויבערשטער גיט זיינע א ברכה, דארף מען דערצו צושטעלן א כלי, וואס די זאל זיין א כלי נקי וטהור, ניט א כלי ר"ל וואס די איז דורכגענומען מיט טאן פארקערט הילו"ת, ווי דער אויבערשטער וויל, און מ'וויל אז אין אזא כלי זאל דער אויבערשטער אריינלייגן זיינע ברכות!

טענה'ט ער: די תורה אליין זאגט אז עס איז דא די שאלה פון "וכי תאמרו מה נאכל", און ביז אז עס קומט אראפ אין א הוראה, און אין א פס"ד אז "אין סומכין על הנס", בדזוואנעט אז די גמרא זאגט אז לויט איין דיעה איז אפילו אין ביהמ"ק אין דער עזרה, וואס בכללות איז דאך אין ביהמ"ק "עשרה נסים נעשו לאבותינו בביהמ"ק" וואס מ'האט דאס געזען בעיני בשר, אבער א חוץ די עשרה נסים איז אין סומכין על הנס, און ווי דאס שטייט נאך בפרט ובקשר צו חגה"פ וואס כל ענינו איז ופסח ודלג, איז אויך דארטן די דיעה אז אין סומכין על הנס.

אויף דערויף ענטפערט מען אים "וברכך הוי' אלקיך בכל אשר תעשה" - ס'דארף טאקע זיין א "תעשה", אבער אין דערויף איז דער תנאי ניט אז דו דארפסט זיך איינשפארן, און אריינלייגן דיין קאפ אין פרנסה, מיט דעם חיות אין פרנסה, און דערנאך אריינלייגן דעם חיות פון די קינדער ווי אזוי צו מאכן א דאלער, אדער א פראנק, אדער א לירה, וכיו"ב, לעבן דארפן זיי לעבן מיט דעם אויבערשטן, וואס ער איז מחי' חיים, דורך דערויף וואס מ'וועט טאן לערנען זיין תורה, און מקיים זיין זיינע מצוות מיט טאן וואס דער אויבערשטער וויל,

און דעמולט וועט זיין דער "תעשה", אזס בכל אשר תעשה אפילו אז עס וועט זיין עשי' אט וועלכע ס'וועט זיין, דאס וועט אבער זיין צוזאמען און נאך דערויף ווי ער האט דעם רוב היום ורוב הלילה, דער עיקר דער רוב פון דעם חיות פון זיך - אין אידישקייט און אין תומ"צ,

איז דעמולט, וויבאלד אז עס איז דא דער "תעשה", כאטש אפילו דאס איז "כל אשר תעשה" אט וואס ער זאל ניט טאן, לכאורה א קלייניקייט - וועט זיין דעמולט "וברכך הוי' אלקיך בכל אשר תעשה".

טאקע אין סומכין על הנס, דארף דער קינד האבן סוף כל סוף אן אחיזה עפעס בדרך הטבע, אויף באקומען זיין פרנסה, דערצו האט ער אבער גענוג צייט וווען ער וועט ווערן א בן עשרים לרדוף (בן עשרים לכח און בן עשרים לרדוף), און ער וועט



הנחה פרטית בלתי מוגה

דארפן טראכטן וועגן פרנסה, וכיו"ב, וועט אים זיכער דער אויבערשטער אריינגעבן דעם געדאנק ער זאל זיך אויסקלייבן די פרנסה המתאימה לו, און דערנאך וועט זיין וברכך הוי"א, ביז אין אן אופן פון ברכת ה' ניט נאר זי וועט געבן די פרנסה, נאר אויך "היא תעשיר", "אתה מחויב לעשרו", ס'וועט אים געבן עשירות כפשוטה, אין ענינים גשמיים.

וואס דאס איז אויך אן ענטפער אויף דער צווייטער פליאה, אז מ'זאגט וואס איז דער ענטפער אויף וכי תאמרו מה נאכל, וויבאלד אז לא נזרע ולא נאסוף, וואס דאס האט געזאגט במדבר סיני ווי כהתחלת הסדרה, וואס אידן האבן דערנאך געהאט דרייסיק ניין יאר וואס עס איז געגאנגען טאג טעגליך דער מן,

במילא אז אידן פרעגן דעמולט "וכי תאמרו מה נאכל", וואס דארף זיין דער ערשטער ענטפער און סברא ראשונה, אז מ'זעט טאג טעגלעך אז לא נזרע, ולא נאסוף את תבואתינו, און דער אויבערשטער גיט אייך לחם מן השמים, איז וואס איז די שאלה? כי תבואו אל הארץ, וועט ער אייך אויך דעמולט געבן לחם מן השמים!

באווארנט דער פסוק, אז "כי תבואו אל הארץ" וועט דעמולט ווערן אן אנדער הנהגה אז "אין סומכין על הנס", וואס הייסט "אין סומכין על הנס", אז דער אויבערשטער גיט "וברכך הוי"א בכל אשר תעשה",

וואס דערפאר איז דער ענטפער אויף דערויף ניט אז דער אויבערשטער איז א "זן ומפרנס לכל", וועט ער אים געבן לחם גלייך מן השמים, נאר דער ענטפער איז "וצויתי את ברכתי" אין דער תבואה וואס וועט וואקסן "בשנה הששית", וואס ע"ד הרגיל דארף דאס זיין אין א מדה רגילה, איז דער נס מלובש בטבע, "ברכת ה'" איז מלובש אין לבושי הטבע, אז "וצויתי את ברכתי" וועט די ברכה אריינגעגעבן ווערן אין לבושי הטבע פון די תבואת שנה הששית, אז זי וועט זיין גענוג און איבער גענוג אויף שנה הששית און שנה השביעית, און אויך אויף שנה השמינית - אויף "לשלש השנים".

פארוואס איז דאס אזוי, דערפאר ניט וואס מ'וארט מיט די החלטה אז מ'וועט אפהיטן שנה השביעית, בשעת ס'וועט קומען די שנה השביעית און די אלע זעקס יאר טראכט ער אז "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", און טראכט אויך בשנה הששית אז פארוואס וואקסט די תבואה דערפאר וואס ער איז געווען דער חורש וזורע, און דערנאך האט כביכול טבע קיין ברירה ניט, ווארום "זרע וקציר וקור וחום ויום ולילה לא ישבותו", מוז דאס געבן זרע וקציר; במילא האט ער ניט וואס צו קוקן אויף מטר השמים, נאר ווי ס'איז געווען אין מצרים אז מ'האט ניט געהאט קיין מטר מן השמים, במילא האט מען זיך פארלאזן אויפן נילוס, און מ'האט דערפון געמאכט אן ע"ז ר"ל,

ווי אזוי באקומט ער דער ברכתי "בשנה הששית", אז גלייך "כי תבואו אל הארץ" מאכט ער בא זיך א החלטה אז דאס איז טאקע ארץ, דאס איז אבער אזא לאנד, און דאס איז אזא טאג וואס זייער הנהגה איז אז די ערשטע החלטה איידער ער הויבט עפעס אן טאן, איז "ושבתה הארץ שבת לה'"! דאס איז זיין ערשטע החלטה, על מנת כן גייט ער ארייך לארץ,

וואס דאס איז אויך ווי דער מאחז"ל אז פארוואס שטייט דאס פריער בזכות וואס מ'איז מחליט אויף אפהיטן שמיטות ויובלות, איז דערפאר איז דערנאך דא די שש שנים מיט די אלע אריכות הסיפור והדברים שלאח"ז.

און דא זאגט מען אז בשעת קינדער שטעלן זיך אויף די אייגענע פיס, וואס דאס איז ביי זיי, במעמדם ומצבם "תבואו אל הארץ", ס'קומט די צייט אז זיי דארפן זיך שטעלן אויף אייגענע פיס אליין באזארגן זיך די אייגענע פרנסה, באיזה אופן שיהי', דארף מען זיי מחנך זיין אז ווי אזוי שטעלן זיי זיך און הויבן אן ארייננגיין אין א סדר החיים, אויף באזארגן די אייגענע פרנסה די אייגענע הוצאה, די ערשטע החלטה איז אז "ושבתה הארץ שבת לה'", דאס איז א ענין וואס געהערט צו דעם אויבערשטן,

און אלץ וואס מ'טוט בימות החול, איז דאס טרח בע"ש כדי שיאכל בשבת; אלץ וואס מ'טוט אין וואכעדיקע זאכן איז כדי דערנאך זאל זיין פון "כל מעשיך יהיו לש"ש", זאל ער צוקומען צו "בכל דרכיך דעהו", ביז צום יום השבת כפשוטו.

און אז ער הויבט אן די שש שנים תזרע שדך, און שש שנים תזמור כרמך, וואס דאס איז דאך כולל בײדע זאכן, די ענינים ההכרחיים, וואס זיי וואקסן בשדה, און די ענינים של תענוג ווי יין ושמן וואס זיי וואקסן בכרם, זאל דאס זיין בהצלחה, איז דאס דורך דערויף וואס אײדער ער הויבט דאס אן איז ער מכריז ומודיע, ווארום פריער האט ער געלערנט אין פסוק, און האט דאס געלערנט ווי רבינו נשיא דורנו זאגט אז אין אן אופן "דאס לערנט אים אויס", אז די התחלה פאר די שש שנים איז אז דאס איז א לאנד און ער איז אריינגעגאנגען אין דעם לאנד, אדער אין דעם עסק פרנסה, אין אן אופן אז "ושבתה הארץ שבת לה'"!

און דעמולט טאקע איז "אין סומכין על הנס", און עס איז דא דער "תזרע שדך", און "תזמור כרמך", און "הרבה עשו כר' שמעון בן יוחאי ולא עלתה בידם", דערפאר וואס די הנהגה איז דאס פאר די יחידי סגולה מערניט, ניט פאר דעם הרבה, אבער די וואס "שש שנים תזרע", און "תזמור", איז דאך בײ זיי אויך דעם אופן אז די התחלה פאר דערויף איז אז טאקע "אין סומכין על הנס", און ער איז חורש וזורע וזומר, אבער ווײבאלד אז די התחלה איז, נאך פאר דערויף אז "שבתה הארץ שבת לה'", איז דעמולט טאקע איז ניטא דער נס בגלוי און דאס איז "לחם מן הארץ", אבער אין דעם לחם מן הארץ איז "וצויתי את ברכתי בשנה הששית", אז זי זאל סטײען אויף ווי לײנג מ'דארף איר האבן, ווי לאנג ער איז פארנומען מיט עניני שביעית מיט "שבת לה'", ביז וואנעט עס וועט קומען די צײט וואס ע"פ שו"ע וועט ער זיך אנהויבן פארנעמען מיט "תזרע שדך", און מיט "תזמור כרמך".

און דאס איז אויך א הוראה אין דעם ענין פרטי וואס לא עתה ולא עלינו האט געטראפן בשנה השביעית, און האט געטראפן ביום השביעי, און האט געטראפן אין דעם לאנד וואס זי ווערט אנגערופן בשם שבת בערך פון אלע ארצות, וואס דאס איז די ארץ הקודש, ארץ אשר גו' תמיד עיני הו"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה.

וואס דארטן זאגט מען אויך אז "אין סומכין על הנס", און ס'דארף זיין אן ענין און פעולות בדרך הטבע, בדוגמא ווי גערעדט וועגן דערויף אין דער פרשה פון התחלת בהר, און אז ניט ווערט די שאלה "כי תאמרו מה נאכל", א שאלה ע"פ תורה; ביחד עם זה אבער איז אויף וואס איז דאס מיוסד און מיט וואס הויבט זיך דאס אן, און וואס לערנט מען פאר דעם, און ערשט דערנאך קען מען לערנען ווי אזוי אקערן פעלדער , אדער טאן כל הענינים בדרך הטבע, בשעת ער לערנט און דאס לערנט אים אויס, און דאס ווערט א החלטה תקיפה, אז "תבואו אל הארץ", איז "ושבתה הארץ שבת לה'",

די גאנצע וועלט איז לה' הארץ ומלואה, האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן צווישן פעלקער דעם אידישן פאלק, און פון אלע לענדער די אידישע לאנד, ארץ הקודש, ארץ ישראל, און זי בלײבט לי הארץ, אז דאס איז דעם אויבערשטן'ס לאנד, ער וויל אבער אז דארט זאל זיין די הנהגה אין אן אופן וואס איז מלובש בדרך הטבע, מיט דער הקדמה מיט דעם יסוד, אויף ויסן אז די גאנצע מציאות פון דער ארץ כולל אויך כל עניני הטבע, איז דאס חוקים וואס דאס האט געמאכט חוקות שמים וארץ, האט דאס געמאכט דער מחוקק החוקים, דער וואס האט געגעבן בחוקותי תלכו - די חוקות התורה,

וואס דורך תורה - ווי די גמרא זאגט אין שבת, אז דעמולט האט זיך די וועלט אויפגעהערט שאקלען, ווארום דורך תורה איז "חוקות שמים וארץ לא שמתי", תורה האט דאס באווארנט אז עס זאל יע זיין "שמתי", די חוקות פון שמים וארץ, וואס בפשטות איז דאס עניני הטבע.

וואס דערפון נעמט מען ארויס די צוויי נקודות, אז ס'דארף טאקע זיין א פעולה בדרך הטבע, און דאס מוז זיין א פעולה בדרך הטבע, ביחד עם זה דארף מען ויסן



הנחה פרטית בלתי מוגה

אז די הקדמה לזה איז, אז "לי הארץ", אז דאס איז דעם אויבערשטן'ס א לאנד, און מכש"כ וק"ו אז "לי הארץ ומלואה", "להוי' הארץ ומלואה", נאר דארטן שטייט דאס מער בגלוי, ווארום "עיני הוי' א" איז דארטן "תמיד מרשית השנה ועד אחרית שנה", יעדער טאג פון דעם יאר, אט וואס פאר א טאג דאס זאל ניט זיין, ובמכ"ש וק"ו אין אזא יאר וואס ער איז "שנה השביעית - שבת לה'".

וואס צום אלעם ערשטן אויף פירן זיך ווי דער אויבערשטער וויל איז דאס "והייתי לכם לאלקים, ואתם תהיו לי לעם, ואולך אתכם קוממיות", אז מ'גייט בקומה זקופה אויף דורכפירן די אלע ענינים וואס תורה הייסט דורכפירן,

וואס דאס איז די הוראה בזה, צוזאמען אז מ'זאגט "אל תתגרה בגוי", אז מ'דארף זיך ניט רייצן מיט גויים, און אז מ'דארף וויסן ווי דער מאמר דערמאנט פריער פון נשיא דורנו פון דעם רבי'ן דעם שווער, ניט מיט אונזער רצון זיינען מיר געגאנגען אין גלות, און ניט מיט אונזער רצון וועלן מיר ארויסגיין פון גלות, און מ'געפינט זיך איצטער אין גלות, אין א חושך כפול ומכופל,

סיי די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל, און אויך די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, וואס זיי זאגן אויך אין תפלה פון מודים און ימים טובים "מפני חטאינו גלינו מארצנו"!

און וויבאלד כל זמן מ'איז ניט מבטל די סיבה, "את רוח הטומאה אעביר מן הארץ", אז ס'איז נאך דא דער "חטאינו", איז דא דער "גלינו מארצנו",

צוזאמען דערמיט אבער זאגט אן תורת אמת [וואס יעדער זאך וואס זי זאגט איז אן אמת, און וואס זי ווערט אויך אנגערופן "תורת חיים" א הוראה בחיים,] אז ס'דארף זיין "ואולך אתכם קוממיות", זינט מ'איז ארויס פון גלות מצרים איז דעמולט איז "עבדי אתם, ולא עבדים לעבדים", מ'איז פאר קיינעם ניט פארשקלאפט, מ'איז ביי קיינעם ניט קיין עבדים, מ'איז אבער עבדים ביי דעם אויבערשטן, און דעמולט איז "עבד מלך כמלך", ביז ווי די צווייטע גירסא, די העכערע, דער סיום אז "עבד מלך מלך", אן א כ"ף הדמיון, ווארום ער ווייס און פירט זיך ווי אן עבד מלך,

און דעמולט פירט ער אויס די בײדע ציוויים, אז "אל תתגרה בגוי", ער רייצט זיך ניט מיט אנדערע פעלקער, צוזאמען דערמיט איז ער ניט מוותר כקוצו של יו"ד, אויף קיין זאך וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט, און מיט תורה ומצותי',

עאכו"כ אויף אן ענין וואס דער אויבערשטער האט באוויזן א נס גלוי, ביז וואנעט אז יעדער איד, און אלע אידן, און אפילו אומי הארץ האבן געזאגט אז "יד הוי' עשתה זאת", און דאס איז דער נצחון וואס איז געווען לאחרי די מלחמה, וואס זי ווערט אנגערופן "מלחמת ששת הימים", וואס באופן נסי למעלה מדרך הטבע לגמרי, האט דער אויבערשטער אומגעקערט, פון די נחלת עולם וואס האט געהערט נאך פריער צו אידן, און מפני חטאינו גלינו מארצנו, האט מען דאס צוגענומען אויך אין בפשטות, ניט נאר ווי ברוחניות ווי אין אנדערע טיילן פון א"י, נאר אויך בפשטות אונטער א ממשלה וואס דארט איז געווען איינגאנצן ביד עובדי ע"ז, און מ'האט דאס צוריק - דער אויבערשטער - אומגעקערט אין אן אופן פון א נס גלוי, ביז אז כל אפסי ארץ האבן דאס אזוי אפגעטייטשט, און זיך אזוי געפירט, און האט דאס אפגעגעבן לעם קרובו, צו דעם פאלק וואס ער האט אויסגעקליבן, "אתה בחרתנו מכל העמים", און האט אויסגעקליבן צווישן אלע לענדער ארץ ישראל, און האט דאס זיי אפגעגעבן,

דערנאך "ומפני חטאינו גלינו מארצנו", ברוחניות, ובפנימיות, ובהנוגע להנשמה, ביז וואנעט אז ס'איז אויך געווען דער גלינו בפשטות. און ס'איז אבער געבליבן א שיעור ביז וואנעט אז מ'האט אויך אפגעגעבן עכ"פ, ניט אין אן אופן אז מ'איז דארט איינגאנצן בעה"ב'ים, אבער אין אן אופן וואס בכו"כ ענינים, האט זיי דער אויבערשטער דארטן אפגעגעבן די בעה"ב'טישקייט אין עניני הרשות, זאלן זיך דארטן פירן ווי אידן זיינען מחליט, און האט דאס אפגעגעבן כאמור באופן נסי.

וואס דעמולט איז אויף דערויף חל די הוראה פון דעם אויבערשטן, אז בשעת מ'גיט א מתנה, דארף מען מכיר טובה זיין פאר דער מתנה, ניט ר"ל זאגן אז דאס איז א נידעריקע זאך! און מ'דארף דאס ניט האבן! און דאס איז ניט קיין עיקר! און מ'קען אויסקומען אן דערויף!

וואס דאס איז היפך ווי ער זאגט אין מכילתא אז דער אויבערשטער אליין גיט דאס, באווייזט א נס גלוי, אויף אומקערן צוריק נאך גרויסע שטחים,

וואס יעדער שעל אין א"י איז ער גרויס, סיי בכמות, סיי באיכות, אפילו בכמות וויבאלד אז דאס איז א שעל אין ארץ הצבי, ווי די גמרא זאגט אין כתובות אז מה צבי איז בשעת ס'קומט צו בשר קומט צו בדרך ממילא אין עור, אין די פעל ("עור" מיט אן עי"ן), עד"ז בשעת ס'קומט צו אידן און אידישקייט קומט בדרך ממילא אין דעם שעל אז ער איז מכיל און ער ווערט גרעסער ביז אפילו אויך בכמות, ווי די גמרא ברייגגט אין כתובות די דוגמא בזה פון א מעשה בפועל,

און ניט זיין ר"ל א כפוי טובה, וואס דאס איז געווען דער חטא פון אדה"ר, צוזאמען מיט דעם חטא פון עה"ד, און דאס איז בהיפך פון מצות ביכורים, וואס אן איר האלט זיך דער ענין אז והגדת אז ער איז ניט קיין כפוי טובה, ער אנערקענט און דיינקט דעם אויבערשטן פאר דער מתנה וואס ער האט אים געגעבן, מיט אלע פרטים וואס קומען דערפון ארויס, ביז צו דער הבטחה ווי רש"י ברייגגט דאס אויך אראפ, אז מ'זאגט אים אז לשנה הבאה תשנה, אז מ'איז אים מבטיח אז ער וועט האבן די מתנה אויף איבעראיאר, און איבעראיאר וועט ער זיך אויך פירן באופן המתאים ע"פ תורה, וועט ער האבן אין צווייי יאר ארום, און אזוי עד סוף כל הדורות.

וואס דאס איז דאך אבער אן ענין וואס איז פארבונדן מיט כפוי טובה, וואס אמת טאקע ברוחניות איז דאס דער יסוד און פארבונדן מיטן חטא פון עה"ד, און דאס איז בהיפך פון אמירת תודה להקב"ה אין מצות ביכורים, וואס עד"ז איז דאס בכל יום ויום בתפלה איז מען מכיר טובה להקב"ה, דאס איז דער גאנצער ענין הברכות, אז מ'בענטשט דעם אויבערשטן פאר א טובה וואס ער האט געטאן,

דערנאך איז געווארן דער חושך כפול ומכופל נאך גרעסער, "אין לך יום (ווי די גמרא זאגט בסיום פון מס' סוטה) שאין דער היפך הברכה מרובה משל חבירו", האט דער אויבערשטער מוסיף געווען אין תורה אור, אין באלייכטן דעם מעמד ומצב ווי אזוי מ'זאל זיך פירן,

און אין דערויף איז געווארן ניט נאר אן ענין פון כפוי טובה, נאר געווארן אן ענין פון פקו"נ!

און כדי ס'זאל ניט זיין קיין ספק ווי אזוי מ'דארף לערנען די גמרא, און וואס פאר א פירושים און פשט'לאך און קרומע זאכן קרומע סברות, מ'וועט דארטן וועלן ארייגשטעלן, האט דער אויבערשטער געגעבן אידן א "שולחן ערוך לפניהם"! וואס דער אפטייטש אין דערויף "אלה המשפטים אשר תשים לפניהם" - כשלחן ערוך, אז ס'איז אלץ צוגעגרייט, און ס'קען אין דערויף ניט זיין קיין ספק, און ספק ספיקא, וואס מ'מיינט מיט דער דין,

און האט ארייז געשטעלט דעם דין אין הל' שבת, אז בשעת ס'ווערט א מעמד ומצב און ס'איז דא א ספק און א ספק ספיקא און א קס"ד, און א סברא, אז תפתח ח"ו, נוחה הארץ ליכבש לפניהם, תפתח הארץ לפניהם; איז דעמולט דארף מען זיך שטעלן מיט נשק, אפילו ווען ס'רעדט זיך מערניט וועגן קש ותבן, און דאס איז א פס"ד ברור פון מלך מלכי המלכים הקב"ה בתורתו, וואס התורה זו לא תהי' מוחלפת! און ס'וועט אין דערויף ניט העלפן קיין שוחד! און קיין געלט! און קיין ביינקל! און קיין ציבור! וועט דאס קיין זאך ניט בייטן כקוצו של יו"ד פון דעם אויבערשטן'ס תושב"כ, אדער פון דעם אויבערשטן'ס תושבע"פ,

וואס ביידע - ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין ספרו יד החזקה, אז דער וואס האלט פון אן ענין וואס שטייט אין תושבע"פ נאר ער זאגט אז דאס איז ניט אן ענין פון תורה מן השמים, נאר ער האלט דאס מאיזה סיבה שתהי', איז ער כפר בעיקר, האט ער קיין שייכות ניט צו תורה ומצותי' בכל עניני'.

וואס דער דין זאגט קלאר, אז מ'דארף זיך שטעלן בנשק אויב ס'דא א חשש אז נוחה הארץ ליכבש לפניהם,

דערנאך איז געווען דער חושך כפול ומכופל, עד כדי כך, אז מ'האט דעמולט זיך אויך ניט געכאפט זיך טאן ווי דער פס"ד אין שו"ע, און מ'האט אנגעהויבן זוכן דריידלעך, און דיפלאמאטיע און פאליטיקער און מאכן קאמיטן און אסיפות און פירן אונטערהאנדלונגען און קריגן זיך פאר די ביינקלאך, און וואו מ'וועט ריידן דעם ענין און יענעם ענין, אבי זיך ארויסדרייען צו טאן א מעשה בפועל אויף שולל זיין די מעגלעכקייט פון "נוחה הארץ ליכבש לפניהם",

האט מען גלייך געזען, אז מ'האט גלייך אנגעהויבן זאגן, כדי צו מאכן לייכטער דעם נסיון אז מ'וויל ניט קש ותבן מ'וויל שטחים! און מ'וויל דאס מיט צמיתות! און לכתחילה וויל מען דעם שטח, און דערנאך וועט דורכגיין א משך זמן וועט מען דארפן אפגעבן א צווייטן שטח, ביז מ'וועט אפגעבן די אלע ענינים, ביז עיר בה חנה דוד - ירושלים; מ'האט ניט געהאט אין זיך דעם תוקף זאגן אז דאס איז מופרך לגמרי, און זאגן פארוואס דאס איז מופרך, ניט דערפאר וואס מ'האט אויסגעקליבן ברוב קולות, מיט דעם תנאי אז ער זאל אזוי רעדן, נאר דערפאר אז אזוי האט דער אויבערשטער אנגעזאגט בתורתו, וואס תורה זו לא תהי' מוחלפת, וואס זי איז א נצחית בכל המקומות ובכל המעמדים ומצבים, אז מ'טאר ניט אפגעבן אן ענין, א זאך, וואס מאכט אן ענין אז נוחה הארץ ליכבש לפניהם,

האט מען אפגעגעבן נעפט! מען האט אפגעגעבן שטחים! מ'האט אפגעגעבן הרים וגבעות! - כמה ענינים וואס זיי שטעלן אין סכנה ר"ל הילי"ת יעדערן וואס געפינט זיך אין אה"ק!!!

וואס דאס איז געווען קלאר, און דאס האבן געזאגט מומחים לעניני צבא פון חו"ל פון צווישן גוים און מ'האט דאס אפגעדרוקט בגלוי במכתבי עתים אין צייטונגען, סיי אין חו"ל, סיי אין אה"ק, בשם אומרו אז דאס האט געזאגט מומחים לעניני צבא, און האבן אויך געזאגט דאס מומחים לעניני צבא פון צווישן אידן אין אה"ק, אע"פ וואס א טייל פון זיי האט מען אראפגעזעצט פון די ביינקלאך דערפאר; א טייל פון זיי האט מען מכריח געווען זאלן דערפון דערנאך חרטה האבן, און געבן א פירוש מסולף א פארקרימטן פירוש ניט דאס האבן זיי געמיינט, און ניט דאס האבן זיי געזאגט; און אויך א טייל האט מען עד כדי כך מטיל אימה געווען, אז זיי האבן לכתחילה געשוויגן,

און מ'האט גע'טענה'ט אזוי ווי מ'דארף האבן שלום, און אזוי ווי דער צד שכנגד זיינען געווארן "אוהבי ישראל", ביז וואנעט אז די אראבער וואס געפינען זיך במקום פלוני קוקן זיי ארויס! אז א איד זאל נאר באווייזן א רמז אז ער וויל מיט אים מאכן שלום, וועט ער לויפן און פאלן אויף די העלדזער, און וועט אים קושן, וישקהו אן פינטעלאך, מיט אן אמת'ע נשיקה, און דאס פארזיכערט שלום פאר קינדער און אייניקלאך, וכו'.

אראפנעמען אויך דעם טעות וואס איז מלכתחילה קיין טעות ניט, און די אלע וואס קענען רעדן פריי האבן לכתחילה געזאגט אז דאס איז א סכנת נפשות ממש!!!

האט געטראפן א דבר מאויים אין עיר חברון, אז מ'האט ר"ל געשאסן א בחור ... ה' יקום דמו! וואס האט ניט געהאט ביי זיך קיין נשק, באמצע העיר, וואס דאס ... באווייזן מיט וועמען מ'רעדט, און מיט וועמען מ'האנדלט, נוסף וואס פריער



הנחה פרטית בלתי מוגה

איז געווען בדיבור דער ראש העיר און ראשי שאר העיירות האט געזאגט בגלוי וואס ער וויל, און וואס ער רעדט מיט די אלע תושבי העיר, איז דא געווען ניט אן ענין של דיבור נאר אן ענין של מעשה, א מעשה פון פקו"נ, וואס דאס איז אן עולם מלא,

וואס דאס איז דאך "יד הוי'" איז געווען אין דערויף, ניט ח"ו אז ער זאל גע'ניזק'ט ווערן, דאס קומט פון לעו"ז, וואס דאס איז "כגרזן ביד החוצב", אבער ס'איז געווען דער יד הוי' אז מ'זאל סוף כל סוף קומען, אויף צו זען דעם אמת, ער איז "בולט לעיני השמש", און וואס אלע אומי הארץ זעען דאס, ס'מערניט געציילטע מענטשן וואס ליידער איז יצרם אנסם, האבן זיך אפילו דערפאר אויך ניט דערשראקן, און מ'האט ניט געפונען עד היום הזה בגלוי ווער ס'האט אפגעטאן די מעשה והי' לא תהי', אז מ'טענה'ט אז ס'איז געקומען דער שלום, און מ'דארף מערניט ווי אפגעבן נאר א ביסעלע האט מען אוהבי ישראל די אלע ערבים ובפרט די ערבים וואס זיצן אין דער און דער שטאט עקובה מדם, האט מען זיי אין קעשענע, זיי ווארטן מערניט אז מ'זאל קומען צו זיי אנקעגן מיט א שמייכל!

ס'באוואוסט בכל העולם כולו אז די בעסטע בלשים, די בעסטע פון די וואס קענען אויסגעפינען א דבר שבסתר, וואס מ'דארף דערצו אנקומען צו תחבולות און צו ערמומיות און צו געפינען עמעצן אין צד שכנגד וכו' - איז מפורסם בכל העולם כולו אז דאס זיינען די וואס זיינען פארבונדן מיטן "מוסד", די וואס זיי ווערן אנגערופן "ש.ב." אין ארץ ישראל, ובפרט נאך אין דערויף גופא מיטן "מוסד".

איז דורכגעגאנגען וואכן נאכאנאנד, מ'הערט ניט אז מ'זאל געפינען דעם וואס האט געשאסן אט דעם ישיבה בחור!!! דער איינציקסטער ביאור אין דערויף איז אז מ'וויל אים ניט געפינען!!! ווארום דעמולט וועט מען דאך זיכער דארפן עפעס טאן, און דעמולט קען דאך זיין "מה יאמרו הגויים", וואס וועט זאגן דער גוי, במילא פארהאלט דאס די גוי'שקייט, דער "א-ל זר אשר בקרבך", איז לעיני כל העמים כולם שעמט מען זיך ניט אז מ'שיסט אן אידן באמצע העיר, אין א שטאט וואס דארטן איז ניט אין א מדבר, און אין א שטאט וואס מ'איז פארבינדעטע און אפגעקויפטע מענטשן, דאס וואס מ'רופט דא אן "אינפארמער", פון צווישן די אראבער פון וועלכע מ'האט די אלע ידיעות, וואס ס'טוט זיך לפנים מן הפרגוד, פון זייער פרגוד, און מ'זאגט אז מ'ווייס ניט און מ'געפינט ניט, און מ'טוט גארניט מיט דעם וואס האט געשאסן דעם שלמה הקדוש ה' יקום דמו!

און ס'דערגייינגען עד כדי כך אז אין א טאג נאך דערויף וואס די מעשה האט געטראפן איז דאס אראפגענומען געווארן פון סדר היום פון די צייטונגען, מ'האט אויפגעהערט רעדן וועגן דערויף, אז ס'ליגט אן ענין א חוב און א בטחון, אז מ'זאל געפינען ווער איז דאס אט דער וואס ידיו שפכו את הדם הזה, ווער ס'האט אים מסייע געווען, וואס אט די ידיעה מוז אויך ארויסברייינגען צו א מעשה המתאים אויף באווארענען "למען ישמעו ויראו".

איז דאס וואס איז דא די מחלוקת נאר, וואס איז מען דערגאנגען און וואס איז מען מעלים, ס'איז דא אזוינע וואס זאגן אז מ'ווייס ווער דאס איז, און ווער ס'האט אים מסייע געווען, וואס דאס לייגט זיך אויפן שכל ווייסנדיק אז בשעת מ'האט געדארפט געפינען "יאסעלען" האט מען איינגעלייגט א וועלט, און ס'האט אפגעקאסט א מטמון מיט געלט, און מ'האט מסיח דעת געווען פון בטחון פון דריי מיליאן אידן אין אה"ק! אבי פאנאנדערשיקן מרגלים בכל העולם כולו געפינען דעם יאסעלע הידוע,

איצטער אז ס'רעדט זיך וועגן שפיכת דמים אין עיר האבות, און ס'אדורך געגאנגען וואכן, איז "אין פוצה פה ומצפצף", וואו איז דער וואס האט דאס געטאן!!!

וכאמור די פלוגתא איז נאר צי אז מ'וויל אים מלכתחילה ניט זוכן, ווארום מ'האט מורא אז מ'וועט זיכער אים געפינען, ווארום מ'ווייס אויף וועלכע וועגן מ'קען אים געפינען, פונקט ווי מ'האט אויסגעפונען כל ענינים וואס מ'האט געוואלט

אויסגעפינען ע"י מרגלים וואס מ'האט אין דעם מהנה פון די ערבים, אין דער שטאט, כידוע און מפורסם, איך דערציייל דערביי ניט קיין סודות, אלע ווייסן דערפון;

אבער די צווייטע דיעה אז מ'האט אויסגעפונען און מ'ווייס ווער דאס איז, אז מ'וועט מפרסם זיין וועט מען מוזן דאך עפעס טאן, וועט דאס אנרירן פלוני בן פלוני, וואס דורך דערויף קען מען איינ'ברוגז'ן א צווייטן וואס ער וועט איינ'ברוגז'ן א פערטן, ביז ס'וועט דערגרייכן צו אדם הגדול, איז מען געפאלן אויף דער המצאה אז מ'וועט זאגן און מ'וועט אויפהערן רעדן וועגן דעם, במילא וועט מען דאך מסתמא פארגעסן אויף דעם גאנצן ענין, וועט ווערדן שא-שטיל, און ווי זיי רופן דאס אן וועט ווערן "שלום על ישראל"!!! אט דאס איז דער שלום וואס צוליב אים וויל מען ר"ל אפגעבן אלץ!!!

ושלא כדעת הטועים אז מ'וועט זיך אפשטעלן ר"ל ביי ירושלים עיה"ק; ס'מנוי וגמור וסבר אז מ'דארף נאר אפוואַרטן אויף דעם זמן המתאים אז די רוחות אז די געמיטער וועלן זיך בארואיקן, און מ'דארף צו דעמולט צוגרייטן א נוסח וואס זאל זיין אזוי געשריבן, און שוין און אזוי דיפלאמאטיש און אזוי פאליטיש, אז קיינער זאל ניט האבן קיין טענות, דער צד שכנגד דערפאר וואס מ'וועט אים אפגעבן ירושלים העתיקה וואס דאס איז די אמת'ע ירושלים; און דער צד שבפנים דערפאר וואס מ'וועט אים דערלייגנגען אויף אזא "טעלערל" וואס דארט וועט זיך רעדן וועגן כמה וכמה ענינים ארום דרייענדיק ארום און ארום ניט דערמאנענדיק די נקודה האמיתית, אז מ'האט אפגעגעבן ירושלים עיה"ק - ירושלים העתיקה.

וואס כאמור, דא רעדט זיך איצטער ניט וועגן דעם ענין וואס קדושת ירושלים מאנט א באזונדער מס"נ אין דעם ענין פון פקו"נ, אט די ר"ל וואס זאגן אז מ'מעג אפגעבן א שעל אין גולן און שומרון און יהודה וכיו"ב, ווייסן זיי אליין אז זיי פסק'נען, אפ דעם דין אז דער זעלבער טעם איז אויף הר הבית, און אויף ירושלים העתיקה, און אויף ירושלים החדשה, און אויף בני ברק, און אויף כפ"ח און אויף קרית צאנז, מיט יעדער חלק אין א"י, איז חל די אלע טעמים היל"ת, מיט וועלכע מ'באגרינדעט דעם דין ר"ל אויף אפגעבן א ענין און א שטאט אדער א שעל אויף דעם ספר אויף דעם גרעניץ, וואס דארטן איז נוחה הארץ ליכבש לפניהם.

נאר מ'האט זיי צוגעזאגט אז מ'וועט מפרסם זיין דעם דין אז זיי זאגן דאס בהנוגע צו יהודה ושומרון און זיי וועלן גלייך מוסיף זיין אז דאס האט קיין שייכות ניט צו שו"ע בהלכות שבת וכו', אן קיין טעם והסברה פארוואס מ'זאגט פארקערט פון שו"ע, און מ'לאזט ניט מוסיף זיין דעם סעיף, די זעלבע טעמים בכל התוקף איז חל כאמור אויף בני ברק, און אויף כפר חב"ד, און אויף חדרה, און אויף נצרת און אויף ירושלים העתיקה, און אויף ירושלים החדשה, און כל ארץ ישראל כולה היל"ת.

און דא האט מען געזען, מ'וויל זיך איינרעדן כאמור, אז וויבאלד אז מ'האט פארשוויג די מעשה מיט שלמה הי"ד, און מ'האט זיך איינגערעדט אז דורך דערויף וועט זיין שטיל און רואיק, און דערנאך האט מען אוועקגעזעצט א גרויסן דיפלאמאט, און ער האט דאס א נאמען געגעבן אז דורך דערויף וועט זיין שלום על ישראל! ניט נאר שקט, אט דאס איז די וועג צו דעם אמת'ן שלום, איז ר"ל אין דרכי הטבע דאס איז געווען וואס מ'האט געעפנט א וועג אז מ'קען אפטאן אין חברון אט דעם ענין וואס האט זיך אפגעטאן אין דעם שבת קודש, אין שנה השביעית, אין עיר האבות.

און דערווייל איז דורכגעגאנגען זעקס און דרייסיק שעה, מ'הערט ניט קיין מעשה בפועל! ס'איז איין אסיפה, א צווייטע אסיפה.

מ'האט אפגעטאן גאר א גרויסע זאך, אין רוסלאנד פלעגט מען זאגן אז אין וואס באשטייט אן עונש "בראסיט טשוקו ב'מאריא" מ'האט געגומען דעם ארבעטער און מ'האט אים ארייגעוואָרפן צווישן די ארבעטער! אט דאס איז דער עונש וואס מ'האט אים מעניש געווען. אזוי איז ער געווען אין חברון און האט טאקע געהאט א גרויסן ביינקל,



הנחה פרטית בלתי מוגה

און האט מסית געווען אנקעגן אידן, נאר וואדען ער האט זיך געדארפט איינהאלטן און האט ניט געהאט די אלע מעגלעכקייטן מפרסם זיין דעתו, האט מען באוויזן א תוקף הכי גדול: מ'האט אים אוועקגעזעצט און מ'האט אים אוועקגעפירט און ארייגעשטעלט אים אין א מקום וואס ער איז חפשי לנפשו, ער קען טאן און רעדן און זאגן אלץ וואס ער וויל, און זאגן דאס אלץ א "מעיאר" אלץ א ראש פון חברון עיר האבות.

און תמורת זה געבן דעם ביאור הנכון: איז ער א מסיח ומדיח קומט דאך אים א עונש, פארוואס לאזט מען אים ארויס, און מ'שיקט אים ארויס מיטן גאנצן אופן, און מצד בטחון האט ער דארט מער מעגלעכקייט אויף מזיק זיין דעם בטחון פון אה"ק, ווי בשעת ער איז געזעסן אין חברון אונטער א משמר,

מ'האט דאך אבער פארט מורא געהאט מה יאמרו הבריות, ניט פאר אידן - מיט אידן רעכנט מען זיך ניט! מיט אידישקייט רעכנט מען זיך ניט! מ'האט מורא געהאט אז מ'וועט פארלירן דעם גאנצן ארט וואס מ'פארנעמט אין דעם ארט וואס מ'דארף באקומען געלט אדער באקומען נשק, אז מ'וועט זען אז מ'טרעט אויפן קאפ, מ'שיסט יונגעלייט.

וואס דער שלמה איז ניט דער ערשטער, ס'איז געווען כמה וכמה לפני זה אז מ'האט מכריח געווען מ'זאל ניט מגלה זיין דאס וואס מ'האט פארוואונדעט פלוני בן פלוני, צושלאגן פב"פ, ביז אויך אין אזא אופן אז ס'געווען ר"ל מיתה הילי"ת, נאר וואדען די חכמה איז בזה אז מ'מאכט דערפון א שוויג, כדי ניט אויפרייצן די געמיטער פון אידן, במילא קענען זיי אפטאן די קינדער שבהם, די ניט פאליטיקע שבזה וואס א פאליטיקער אז ער קוקט אויף א מענטשן וואס ער איז "ישר הולך" ער גייט מיט א גלייכע וועג און רעדט ע"פ האמת, און זאגט וואס ער טראכט, קוקט ער אויף אים אז דאס איז א בטלן, און דאס איז א פיצל קינד, און הלואי זאל ער זיך ניט דרייען צווישן די פיס, און ניט שטערן אנפירן ווי מ'דארף אנפירן, ווי מ'דארף זיין א פירער,

פארוואס טאקע האט מען דאס געטאן, מ'האט זיך דערשראקן כאמור, ניט פאר אידן, מיט אידן דארפן זיי זיך ניט איינקערן, וועלן א פאר איינגלאך מאכן א טומל, וועט מען זיי לאזן טומלען, און דערנאך וועלן זיי זיך פאנאנדערגיין, לכל לראש וועט ניט זיין קיין ברירה וועט מען זיי לאזן פארנעמען א שטח אויף א פאר וואכן, און דערנאך וועט מען זען: אדער זיי וועט נמאס ווערן, אדער מ'וועט זיי הייסן גיין, וכיו"ב.

מ'האט זיך דערשראקן אז מ'וועט דערהערן אין וואשינגטאן אז מ'איז עד כדי כך האט מען ניט קיין תוקף אז בשעת מ'שיסט א יונגן אידן, און מ'הרג'עט ר"ל באמצע הלילה אין אן אפענע שטאט וואס האט זעכציק אדער זיבעציק איינוואוינער! ובאמצע הלילה שיסט מען און מ'ווארפט גראנאטן, ביז ס'דא קרבנות, און ס'ווערט נתפרסם אין חו"ל איידער ס'איז נתפרסם געווארן אין אה"ק! דארט האט מען געפרואווט אויך דערפון מאכן א סוד! עכ"פ אפציען מיט נאך עטלעכע שעה, איז דאס נתפרסם געווארן אין חו"ל, מיט כמה שעות לפנ"ז, איז דארט קיין ברירה ניט געווען, מ'האט דערזען וואס פאר א שמאטעס ר"ל מ'איז!!! אז מ'לאזט זיך טרעטן אויפן קאפ, און אויס'הרג'ענען ר"ל אידן באמצע פון עיר האבות, און מ'האט גארנישט ניט טאן;

איז האבן אין זיך א תוקף צו טאן וואס מ'דארף טאן, האט דאס נאך ניט דערנומען די אלע קרבנות מיט די גאנצע בלוט ר"ל וואס ס'איז פארגאסן געווארן זינט מ'האט אנגעהויבן מ'האט גע'חתמ'עט דעם חוזה האומלל, דעם אומגליקלעכן "קעמפ דייוויד" חוזה, וואס פון דעמולט אן איז געווארן א ריבוי גדול פון מחבלים און קרבנות פון מחבלים כידוע און מפורסם, און אע"פ וואס די צנזורה אין אה"ק לאזט דאס ניט מפרסם זיין, ווייס מען אבער אין חו"ל און סוף כל סוף וועט מען זיך דארטן דערוויסן, אבער די וואס זיינען קובע את הכף ווייסן דערפון און אעפ"כ גייט מען מיט אט דער שיטה, אז וואו ס'איז נאר דא א גוי, איז צום אלעם ערשטן זאגט מען "ואנחנו כורעים ומשתחוים"! דערנאך ווארט מען ער זאל געבן א רמז וואס מען מעג טאן, און וואס מ'טאר ניט, און בשעת ער האט געגעבן דעם רמז אז דו מעגסט אפדרוקן אין צייטונג אז דו וועסט זיך שטעלן בתוקף האט ער דאס אפגעדרוקט אין צייטונג,



הגהה פרטית בלתי מוגה

דערנאך איז מען געקומען צוגיין, א איד א תמים, און האט געפרעגט טו עפעס בפועל!!! האט מען קיין ברירה ניט געהאט, איז וואס האט מען געטאן, מ'האט געגומען דעם אראבער און מ'האט אים באפרייט פון די השגחה עליו, מ'האט אים אפגעפירט צווישן אלע אראבער, און ער איז גלייך צוגעגייגגען לעבודתו אז ר"ל טאן דאס וואס ער טוט איצטער, עד"ז אויך חבירו, און בשעת מ'האט גערעכנט אז דאס איז פארט עפעס ניט מספיק, האט מען געטאן א טובה אידן - מ'האט אויפגעריסן פיר הייזער, צי זעקס הייזער, צי אכט הייזער, צי צען הייזער.

מ'פארשטייט דאך וואס פאר א רושם וועט דאס מאכן אויף די וואס זיי פירן אן מיט די מחבלים, ווי זיי וועלן זיך דערפאר דערשרעקן בשעת זיי זעען אז מ'רירט ניט אן אפילו שערה אחת פון קיינעם ניט וואס מ'ווייס ברור אז זיי זיינען דערמיט פארבונדן, נאר וואדען שפך חמתו על העצים ועל האבנים מ'האט נאר אויפגעריסן די הייזער,

איז אמת טאקע, לפי מעמדם ומצבם, איז דאס אויך א מעשה גבורה, דאס איז היפך הטבע שלהם אין וועלכן זיי האבן זיך מתרגל געווען יארן נאכאנאנד פירן אידן און אידישקייט און אה"ק, אין אן אופן פון עבדים למצרים, עבדים לפלשתים, עבדים לעבדים, עאכו"כ עבדים צו די אדונים וואס זיצן אט דא פון זואנעט מ'באקומט די געלט, און מ'באקומט די נשק.

און ווי עס שטייט ביי חטא עה"ד "אכלתי ואוכל עוד", מ'איז מבטיח אז מ'וועט ווייטער אזוי אויך זיך פירן, מ'וועט ח"ו ניט טאן א זאך וואס וועט איינ'ברוגז'ן פלוני בן פלוני,

און אז מ'האט אנגענומען החלטה בהנוגע צו חברון, האט מען געפרעגט וואו טוט דאס עפעס בהנוגע לפועל, האט מען געענטפערט בחשאי, אבער בחשאי איז דאס צווישן אידן, און מ'האט דאס געענטפערט דרייצן מענטשן, אפילו דריי מענטשן איז שוין אויך ניטא קיין לה"ר דערפאר וואס דאס ווערט נתפרסם, האט מען געענטפערט א מעשה בפועל קען מען ניט טאן, ווארום מ'דארף זיך ניט איינרייסן מיט וואשינגטאן!

האט מען אפגעטאן דעם קלקול שבדבר: אויפרייצן די געמיטער אז מ'גייט דאס טאן; מ'האט דאס ניט געטאן בפועל אויף עפעס וואס באווארענען, וואס דאס קען מען באווארענען מערניט ווי ע"י מעשה בפועל;

און דערנאך איז כאמור, איצטער זעט מען די תוצאות וואס האט געטראפן בש"ק אין שנה השביעית שבת לה' אין ארץ האבות, און עד עתה האט מען ניט געכאפט קיין איין און איינציקן וואס האט געגומען איינטייל, ניט קוקנדיק דערויף וואס מ'האט אינפארמער, און מ'האט ידיעות און מ'ווייס די אלע וועגן ווי אזוי מ'קען געפינען איינעם, און אז מ'געפינט איינעם איז דורך אים קומט מען צו צו א צווייטן, ביז וואנעט מ'קומט אויך צו צו דעם וואס איז געשטאנען בראש.

וואס אמת טאקע גדול הוא הרועה וואס ער איז דער שומר די כבשה ווי זי געפינט זיך בין שבעים זאבים, אבער ווי גערעדט פריער דאס איז דער קשר מיט פ' בהר, און מיט ל"ג בעומר, אז ס'וועט טאקע זיין וצויתי את ברכתי, ס'דארף אבער זיין דערצו די כלי, און די כלי דארף זיין מלובש בדרך הטבע, וואס דאס איז אין דער תבואה פון שנה הששית,

וואס דאס איז אויך ווי דער פס"ד פון שו"ע, אז אלע ווייסן אז "גדול הוא הרועה", אלע ווייסן אז תורה ומצות דאס איז די אמת'ע מגינים און מצילים אידן, אבער ר' יוסף קארו האט דאס אויך געוואוסט! און די מפרשים זיינען האבן דאס אויך געוואוסט! און האבן גע'פסק'נט צוזאמען מיט די הונדערטער רבנים! וואס האבן אפגעדרוקט זייער פס"ד גלוי און מפורש אז דאס איז א סכנת נפש ממש! פיקוח נפש ממש! מ'זאל אפגעבן א טייל פון די אלע שטחים מצד דעם דין פון פקו"נ,



הנחה פרטית בלתי מוגה

און "לא ינום ולא יישן שומר ישראל", אז ניט קוקנדיק אויף די נארישקייטן, און אויף די טעותים, און אויף יצרו אנסו פון פב"פ, און א צווייטן, און א דריטן, וועט דער אויבערשטער זיך מתרחם זיין ברחמיו הגדולים, און וועט ניט קוקן אויף קיינע חשבונות,

און וויסנדיק בפרט נאך אז כלו כל הקיצין, און אז ער האט צו טאן מיט א בשר ודם, וואס יצרם אנסם, און אידן קענען שוין מער ניט ווארטן, מ'מוז ארויסגיין פון גלות,

און דא קומט ארײַן נאך א מאמר פון רשב"י, וואס ער זאגט דאס אין מד"ר אין שה"ש, מיט א גאנצן סיפור און אריכות המעשה, וואס נקודת המעשה איז אז ס'געווען א פאר פאלק וואס זיי זיינען געווען נשואים עשר שנים, און ביי זיי איז ניט געווען קיין קינדער, האט מען געוואלט ווי ע"פ דין תורה, אז נשא אשה עשר שנים ולא ילדה, איז דעמולט איז דאס אן ענין וואס קומט לידי פירוד, איז מען אוועקגעגאנגען צו רשב"י,

האט רשב"י גע'פסק'נט א מאדנע הלכה, אז פונקט אזוי ווי זייער צוזאמען קומען זיך בשעת דער חתונה, איז געווען מתוך משתה וסעודה, אזוי איז אויך די הכנה צו דעם פירוד און די הקדמה לזה, איז לכל לראש דארף מען מאכן א סעודה,

זיינען זיי אוועקגעגאנגען דער פאר פאלק און מ'האט געמאכט א סעודה, און א סעודה ע"ד ווי מ'מאכט צו א חתונה, איז געווען "וישתו וישכרו עמו", ביז וואנעט אזוי האט אויך געטראפן מיטן בעל אז ער איז געווען ביז אין אן אופן פון "וישכרו", ביז וואנעט ער איז אנשלאפן געווארן, און בשעת ער האט זיך אויפגעכאפט פון דעם שלאף, און מתוך החיבה, מתוך הקירוב וואס ס'געווארן ע"ז האט ער געזאגט דער פרוי, אז אמת טאקע ס'דארף זיין דער פירוד, נאר וואדען "טלי א חפץ טוב", וואס איר געפעלט, אז כאטש אפילו מ'גייט זיך פאנאנדער קען זי אויסקלייבן וועלכן חפץ זי וויל, וואס געפינט זיך בבית, און דאס מיט זיך מיטנעמען,

בשעת ס'געווען דער וישתו וישכרו עמו, האט זי געזאגט לעבדי' ולשפחותי' אז מ'זאל מיטנעמען דעם בעל וואס האט דעמולט געשלאפן און זי איז געגאנגען צוזאמען ווי מ'האט אים געטראגן לבית אבא, לבית אבי',

בשעת ער האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף האט ער געפרעגט וואו געפינט ער זיך, האט מען אים געזאגט בבית אבי', האט ער געפרעגט וואס טוט ער דארטן, וואס האט ער צו טאן בבית אבי', האט זי אים געענטפערט אז וויבאלד אז ער האט איר געזאגט אז זי קען מיטנעמען מיט זיך דעם חפץ טוב ויקר, האט זי ניט קיין בעסערן חפץ טוב ווי איר מאן, האט זי אים מיטגענומען,

מ'האט דערהערט אזא מעשה איז מען ווייטער געגאנגען צו רשב"י, האט רשב"י אויף זיי מתפלל געווען און זיי זיינען געבענטשט געווארן בזרעא חי' וקיימא. און ווי ער איז דערנאך ווייטער ממשיך אז "מה הקב"ה פוקד עקרות", איז "כך צדיקים פוקדים עקרות",

וואס דאס איז אויך א שייכות ויש לקשר, דאס וואס נשיא דורנו האט דערציילט אז באם מיטעלן רבי'ן איז געווען מופתים ל"ג בעומר, דאס איז געווען בעיקר בהנוגע צו קינדער, אט דאס וואס רשב"י האט דעמולט מגלה געווען, אז מה הקב"ה פוקד עקרות אזוי אויך רשב"י פוקד עקרות, במילא אז ס'קומט ל"ג בעומר וואס דאס איז יום שמחתו, און דעמולט איז כל עבודתו אשר עבד בו כל משך ימי חייו איז הימים האלו נזכרים ונעשים, איז אויך אזוי געווען ביים מיטעלן רבי'ן וואס ער איז געווען דער צדיק של דורו.

וואס דאס איז אויך בהמשך צו דעם שטורעם וואס מ'מאכט בהנוגע צו דעם חינוך פון קינדער, וואס עקרות איז דאך דא כפשוטו און אויך ר"ל אז דער פאטער מיט דער



הנחה פרטית בלתי מוגה

מוטער לעבן מיט איין פארט לעבן, און די קינדער לעבן מיט אן אנדער סארט לעבן, דעמולט האבן זיי צווישן זיך קיין שייכות ניט, דאס איז ניט קיין יחס, און א פארבונדנקייט צווישן עלטערן מיט קינדער.

בשעת זיי ווערן דערנאך מתקרב און ס'איז ניכר אז דאס איז והשיב לב אבות על בנים, ביידע גייען צוזאמען אין דער ושמרו דרך הוי', וואס דאס איז א ריכטיקער גיין, און אן אייביקער גיין, און א געזונטער גיין, דעמולט ווערט דער ענין וואס צדיקים פוקדים עקרות.

דערנאך איז רשב"י (ווי ער איז ממשיך אין שהש"ר), אז פונקט אזוי ווי דאס איז געווען אין דעם סיפור, אזוי איז אויך ביי דעם אידן מיטן אויבערשטן [וואס אין שה"ש רעדט זיך דאך אלץ אז די אידן מיטן אויבערשטן זיינען זיי בדוגמא ווי א איש ואשה, בעל ואשתו], זאגן אויך די אידן אז זיי האבן ניט קיין חפץ טוב, קיין בעסערן ווי דער אויבערשטער אליין.

און מה-דאך אז ווי רשב"י האט אויסגעפירט און דער אויבערשטער האט מסכים געווען, אז זי האט מיטגענומען דעם חפץ טוב, דעם בעל, איז דאס דערנאך געווארן א בנין עדי עד אין דור ישרים יבורך, אזוי אויך איז ער מסיים אין מדרש אז אידן זאגן צו דעם אויבערשטן אז ער איז זייער חפץ טוב, און זיי נעמען אים מיט מיט זיך, איז דער אויבערשטער ממלא בקשתם.

און ויהי רצון והוא העיקר, אז פון די אלע מעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות, כולל אויך פון די פעולות וואס זיי זיינען פארבונדן מיט יום שמחתו און שמחה גדולה פון רשב"י, ובעיקר ובמיוחד די פעולות וואס זיינען פארבונדן מיט בנים און בנות וואס "הם הכירוהו תחלה",

זאל מען בקרוב ממש זען דעם מילוי ובעיני בשר, ווי אזוי דער אויבערשטער, וואס ער איז דער חפץ טוב פון יעדער אידן, און אלע אידן, און ער געפינט זיך מיט די אידן בגלותם, פונקט ווי מ'זאגט דאס אין התחלת המשל,

קומט דאס דערנאך ארויס און כדאי הוא ר"ש, אז ס'קומט ארויס בפועל, אז ס'ווערט דער איש ואשה ביחד, דער אויבערשטער מיט אידן אין אן אופן וואס ישראל ומלכא בלחודוהי, און ס'ווערט דער מעשיהם של צדיקים, "ועמך כולם צדיקים", תורה ומצותי', אז ס'דא די הולדות, ביז אויך אין תולדות בפועל,

און מ'גייט בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, און ווי געזעדט פריער, דער אויבערשטער גייט מיט מיט יעדן אידן, ניט לפניו, נאר צוזאמען מיט אים, און מ'גייט מקבל זיין פני משיח בגאולה האמיתית והשלימה,

ובמהרה בימינו ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה, ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א), ניע זשוריצי.

* * *

ד. ס'איז דאך "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז למען צורריך להשבית אויב ומתנקם" -

און אזוי ווי ס'איז געווען עוללים ויונקים - אן ע"ה ניט - בכל קצוי תבל, און זיי האבן געמאכט דעם ענין פון "יסדת עוז" - וואס אין עוז אלא תורה, צוזאמען מיט אירע מצוות, וואס גדול לימוד שמביא לידי מעשה - וואס אין דערויף איז די גדלות פון עוז שבתורה, אז דאס קומט ארויס אויכעט אין מעשה,

צוזאמען וואס זיי האבן דאס מצרף געווען מיט מעשה הברכה, וואס דאס איז בדוגמא ווי תפילה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און מעשה הצדקה, און מיט הבטחות מיט מחשבות טובות בנוגע צו מעשים טובים במשך כל ימי השנה,

קען מען דאך מאנען ביי דעם אויבערשטן - און דער עיקר: דער אויבערשטער דארף ניט האבן מ'זאל מאנען בא עם, נאר "טרם יקראו ואני אענה" - ס'זאל זיין בתכלית דער להשבית אויב ומתנקם, באיזה צורה ואופן שיהי',

און מ'זאל זיין כמדובר אין די לעצטע טעג פון גלות אין א אופן וואס לכל בנ"י הי' אור במושבותם, און והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך,

און מתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב, וועט מען זיך גרייטן צו קבלת פני מ"צ בעגלא דידן, אין א אופן פון בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו,

וואס דערפאר איז אויכעט - כמדובר לעיל - וועט מען ממשיך זיין מיטן שטורעם - עכ"פ דעם אסרו חג פון לג"ב, און מה טוב נאך א טאג, און נאך א טאג, כפי צורך העבודה, איוף פארפעסטיקן ביי די קינדער וואס האבן זיך משתתף געווען אין די תהלוכות, און אין די אסיפות, און אין די כינוסים, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט שמחתו של רשב"י, וואס דאס איז א שמחה גדולה.

און די וואס האבן זוכה געווען אויף צו טאן אין דעם אין לג"ב און הכנות פון לג"ב, וועלן זיכער נעמען א חלק בראש אויכעט אין דעם המשך, און זיכער וועלן צו זיי נאך צוקומען כו"כ, וואס ברוב עם הדרת מלך,

זאל אויך זיין בהצלחה רבה דער המשך פון דער פעולה, נוסף אז די פעולה אליין וועט זיין אין אופן פון פעולה נמשכת,

און מ'וועט מוסיף זיין, מתוך שמחה גדולה - ע"פ ציוויו של רשב"י אין תורתו אומנתו - אין די קביעות עתים בתורה וואס איז דא בא יעדער אידן, אין לימוד התורה וואס איז דא בא ילדי ישראל, און לימוד התורה וואס דאס איז דא די מיידלאך פון אידן,

וואס ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין הל' ת"ת בסיום וחותם פון פ' ראשון, אז אין די אלע מצוות וואס נשים ובנות זיינען מחויבות, זיינען זיי אויכעט שייכות און דארפן לערנען הלכות וואס זיינען דערמיט פארבונדן, און ווי דער רבי נשיא דורנו דער רבי דער שווער האט אויכעט מסביר געווען דער גודל הענין אז אויכעט נשים ובנות זאלן לערנען פנימיות התורה - תורת החסידות, וויבאלד אז דאס איז דער דרך לאהבתו וליראתו, ע"י שיתבוננו - ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין הל' יסוה"ת בתחלתו,

און אהבת ה' און יראת ה' איז דאך ווי ער זאגט אין די הקדמה פון ספר החינוך - [וואס ווערט דאך געבראכט אלס א יסוד אפי' צווישן פוסקים, און ס'ווערט געבראכט אלס א יסוד אין ספהמ"צ פון צ"צ, און מ'זעט דאס ווי ער ברייננגט דאס אראפ בפירוש ובגלוי - שרייבט ער בהקדמתו] אז "שש ערי מקלט תהיינה לכם" - וואס דאס איז א סימן אויף די שש מצוות וואס חיובן איז א חיוב תמידי ובכל אחד, סיי זכרים און סיי נקבות, און הויבט אן גלייך רעכענען: אמונת ה', אהבת ה', און יראת ה', וואס צו די אלע זאכן קומט מען צו ע"י לימוד החסידות.

וואס דאס איז דאך אויכעט פארבונדן במיוחד מיט רשב"י, וואס עבודתו און זיין לעבן איז דאך געווען אין א אופן פון אהבה הכי גדולה - בי' אתקטרנא ובי' אתלהטנא בי' אחידא - מיט די אלע לשונות וואס ער האט זיי געזאגט בלג"ב, ווי פארשטאנדיק, וואס דאס איז וואס ער האט געזאגט ביום ההילולא וההסתלקות שלו, וואס דאס איז אהבה ה',

וואס דאס ווערט ע"י שיתבונן, כאמור לעיל.

און ער האט דאס איבערגעגעבן און "פתח" - דורכגעטראטן די וועג, אז דאס קען טאן ביז "רבייך דעלמא" - אפי' קינדער וואס מ'נעמט זיי פון וועלטישע הייזער און מ'נעמט זיי ארויס פון וועלטישע זאכן, ווערן זיי אין א אופן אז זיי לערנען און פארשטייען פנימיות התורה, און ביי זיי איז דער לימוד איז ווי תורה וויל - לימוד המביא לידי מעשה, מיט די אלע מע"ט והנהגה טובה, אנהויבנדיק נאך פון "בוצין בוצין מקטפי' ידיעא" - נאך פון קינדווייז אן, אנערקענט מען אז דאס איז "זרע ברך ה'" און הם הכירוהו תחילה - זיי האבן איבערגעגעבן די שליחות פון די קינדער ביי ימי צאתך מאמ"צ, וואס דעמולט זיינען זיי געוועזן הם הכירוהו תחלה.

און כימי צאתך מאמ"צ, אזוי וועט דאס זיין אראנו נפלאות אין די איצטיקע גאולה פון דעם איצטיקן גלות.

מ'דארף דאך האבן אז ס'זאל זיין אין א אופן של שמחה, וביחד ע"ז דארף מען דאך האבן אז ס'זאל זיין אין א אופן מסודר.

וועט מען זיכער גלייך מאכן אן אסיפה, ע"ד ווי מ'האט געמאכט ערב לג"ב אזוי אויכעט בסיום וחותם פון לג"ב, ווי אזוי מ'זאל דאס מסדר זיין באופן הכי טוב, סיי דא, סיי אין די אלע ערטער וואס מ'הערט די רייד דורכן "הוק-אפ" (ווי זיי רופן דאס אן), וכיו"ב, סיי אין די ערטער וואס מ'וועט דאס איבערגעבן אהינצו לאחרי זמן.

וכאמור לעיל, דא איז ח"ו ניטא דער ענין פון לא תוסיף - טאמער וועט מען וועלן ממשיך זיין די הכנות און די פעולות נאך א טאג, און נאך א טאג, איז תבא עליהם ברכה, וכל המרבה הרי"ז משובח.

און די התחלה זאל זיין דורך די וואס זיינען געשטאנען בראש פון דער ענין התהלוכה והמבצע דא, אין די ד"א פון נשיא דורנו דער רבי דער שווער, וועלן זיי גלייך זאגן לחיים, און לחיים ולברכה אויף א כוס מלא.

און דאס זאל זיין דער פורץ גדר - אט די שמחה ביי זיי, און ביי אלע ארום זיי, עאכו"כ די וואס האבן שוין אנגעהויבן טאן אין דעם.

אז ס'זאל זיין דער הולך ומוסיף ואור, און אויפשטעלן אין דער פולסטער מאס, און דער פולסטער צאל פון שלימות העם, און זיי וועלן מיטנעמען מיט זיך די תורה בשלימותה - שלימות התורה, און זיי וועלן באווארענען דעם שלימות הארץ, און מ'וועט פאראייניקן די אלע דריי זאכן צוזאמען.

און דאס וועט נאכמער צואיילן דעם קץ שם לחושך - דעם חושך פון דעם גלות, און ס'וועט זיך ענדיקן דער גלות בעגלא דידן ממש, און ס'וועט זיך אנהויבן די אתחלתא דגאולה, און די גאולה ממש, בתיכף ומיד כל הענינים יחד בשעתא חדא וברגעא חדא, פונקט אזוי ווי דער אתא לאתבא צדיקיא בתיובתא - עבודת התשובה, איז דאך אויכעט בשעתא חדא וברגעא חדא.

אז נאך איין רגע אין גלות, וועט גלייך קומען דער רגע פון גאולה האמיתית והשלימה, ווי ס'שטייט בנוגע צו יצ"מ, אז כיון שהגיע הקץ, לא עכבן אפי' כהרף עין.

עאכו"כ איצטער אז ס'איז שוין כלו כל הקיצים, איז דאך זיכער אז דער אויבערשטער וועט ניט מעכב זיין זיך, און יעדער אידן, און אלע אידן אפי' כהרף עין.

און מ'וועט גיין טאנצן אנטקעגן מ"צ, ובקרוב ממש.

הורה להרב י.י.ה. לומר לחיים, וואו איז אייער סגן? לחיים. אח"כ אמר: דא איז געווען דער ראש המדברים ביי דער תהלוכה - ווי גרויס איז דער כוס? ער האט גערעדט אסאך לייגגער! לחיים ולברכה.

אח"כ אמר: ווער ס'וויל זיך מצטרף זיין, איז תבא עליו ברכה, אבער - אויף שנעל באלד קומט משיח...

התחיל לנגן הושיעה את עמך.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה.

* * *

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

בס"ד. שיחה להתלמידים ולהתלמידות שיחיו
- בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה -
יום ג' פ' בהר-בחוקותי, כ' אייר ה'תש"מ.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1].

ב. מ'האט זיך דאך צוזאמענגעקליבן לכבוד דער שמחה פון רשב"י,

און ווי גערעדט אין דעם טאג פון ל"ג בעומר (בעת ה"פאראד"), אז בשעת אידן, ובפרט אידישע קינדער, קלייבן זיך צוזאמען - באווייזט דאס אויף דער פארבונדנקייט און אויף דער אהבה (די ליבשאפט) און נאענטקייט פון די אלע פארזאמלטע צווישן זיך.

ובפרט אז דער צוזאמענקלייבן זיך איז פארבונדן מיט אן עניין פון תורה, וואס זי איז אן איין און איינציקע תורה, געגעבן געווארן פון דעם איין און איינציקן אויבערשטן, צו דעם איין און איינציקן פאלק אויף דער גאנצער וועלט - פאראייניקט דאס נאכמער די אלע פארזאמלטע.

נאכמער:

דער צוזאמענקלייבן זיך (וואס איז פארבונדן מיט תורה) פאראייניקט אונז (די אלע פארזאמלטע דא) מיט אלע אידישע קינדער און ערוואקסענע וואס קלייבן זיך צוזאמען צוליב דער זעלבער סיבה און געלעגנהייט אין אלע טיילן פון דער וועלט.

און ספעציעל - מיט די וואס געפינען זיך אין דער איין און איינציקער לאנד, וואס זי איז אויסגעקליבן געווארן פון דער גאנצער וועלט[2] - ארצנו הקדושה, אונזער הייליקע לאנד, וואס "תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[3], שטענדיק האט דער אויבערשטער א ספעציעלע השגחה אויף דער לאנד[4], פון אנהויבס יאר בידן סוף פון יאר, יעדן טאג און יעדער רגע.

און נאכמער:

דאס פאראייניקט אונז מיט אלע אידישע קינדער און ערוואקסענע וואס פלעגן זיך צוזאמענקלייבן צוליב דער סיבה

- און -

------------

1) נדפסו בחוברת "י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, ה'תשל"ו). 2) ראה תנחומא ראה ח. במדב"ר פ"ג, ח. וראה גם תנחומא פרשהנו (בהר) א (בסופו). 3) עקב יא, יב. 4) ראה בחיי עה"פ.

און געלעגנהייט אין אלע יארן און דורות פאר אונז.

און דאס פאראייניציקט אונז אויך, מיט אן אהבה ואחוה אמיתית[5] (מיט אן אמת'ער אהבה און פארבונדנקייט) - מיט די אלע וואס וועלן זיך צוזאמענקלייבן צוליב דער סיבה און געלעגנהייט אין אלע יארן און דורות וואס וועלן קומען.

און די אלע ווערן פאראייניציקט, ווארום אידישקייט, און דער אויבערשטער וואס האט געגעבן אידישקייט, און זיין תורה ומצוות, און דער אידישער פאלק - זיינען אייביק, אין אלע צייטן און אין אלע ערטער,

ביז אז זיי ווערן איין זאך, ווי געזאגט אין דעם ספר פון רשב"י (ספר הזהר)[6] - ישראל אורייתא וקוב"ה כולהו חד, אידן, תורה און דער אויבערשטער זיינען איין זאך.

ג. עס קומט צו נאך אן עילוי אין דעם צוזאמענקלייבן זיך - מצד דערויף וואס דאס איז פארבונדן מיט רשב"י:

בשעת מ'קלייבט זיך צוזאמען לכבוד רשב"י - איז א זיכערע זאך אז פון דעם ארט וואו ער געפינט זיך קוקט ער זיך צו צו יעדערן פון אונז, און צו אלעמען פון אונז, און דאס פארשאפט אים דעם אמת'ן עונג (פארגעניגן) און שמחה, און ווי עס שטייט דער לשון (בנוגע צו ל"ג בעומר)[7] - "שמחה גדולה".

ובפרט אז עס קלייבן זיך צוזאמען אידישע קינדער, וואס מיט זיי האט זיך רשב"י במיוחד איבערגעגעבן:

רשב"י האט זיך געפירט, און דאס איז געווען דער תכלית און מטרה און צוועק פון זיין לערנען, אז דאס וואס ער האט געלערנט האט ער ארויסגעגעבן אין אן אופן אז דאס זאל דערגרייכן און דורכנעמען אפילו "ינוקי" (קליינע קינדער)[8], און "רביי דעלמא"[9], ד.ה. אז דאס זאל דערגרייכן און דורכנעמען די קינדער וואס געפינען זיך אין דער גאנצער וועלט וואו זיי זאלן נאר זיין - אז אויך זיי זאלן לערנען זיין תורה, און איר פארשפרייטן.

איז פארשטאנדיק, אז בשעת אידישע קינדער קלייבן זיך צוזאמען לכבוד רשב"י, פארשאפט דאס אים א ספעציעלן פארגעניגן און א שמחה גדולה.

- ד. -

------------

5) ל' אדה"ז בתניא פל"ב. 6) ראה זח"ג עג, א. 7) משנת חסידים מס' אייר פ"א מ"ז. 8) זח"א צב, סע"ב. 9) ראה זח"א קיח, א.

ד. וואס באשט אז דער צוזאמענקלייבן זיך היינט איז ניט אין ל"ג בעומר, יום שמחתו פון רשב"י[10], נאר אין דעם דריטן טאג פון ל"ג בעומר -

ווערט אבער געבראכט בנוגע צו דעם אריז"ל, אז לכבוד ל"ג בעומר פלעגט ער קומען מיט זיינע בני בית אויפן ציון פון רשב"י, כדי צו באטייליקן זיך אין דער שמחה פון ל"ג בעומר, און ער פלעגט דארטן בלייבן דריי טעג.

וואס אין מערערע ערטער[11] שטייט סתם אז ער איז דארטן געבליבן דריי טעג, אָן אויסטייטשן וועלכע דריי טעג דאס זיינען געווען,

וואס דערפון איז פאַרשטאנדיק אז די דריי טעג וואס ער האט דארטן פאַרבראכט זיינען ניט אלעמאל געווען ל"ג בעומר און די צוויי טעג נאך דערויף;

אין איין ארט[12] שטייט אבער, אז ער איז דארטן אמאל געקומען ל"ג בעומר, און געווען דארטן דריי טעג, צוזאמען מיט זיינע בני בית.

ד.ה. אז די דריי טעג זיינען געווען ל"ג בעומר און די צוויי טעג נאך דערויף.

ה. וויבאלד אז דאס איז פארשריבן געווארן און איבער-געגעבן געווארן אלס אן ערציילונג אין תורה שבעל פה, וואס "תורה" איז מלשון הוראה[13] - איז פארשטאנדיק, אז די ערציילונג איז אן אנווייזונג און א נתינת כח צו יעדערן פון אונז:

אפילו אז מ'געפינט זיך אין דעם דריטן טאג פון ל"ג בעומר - איז בשעת מ'קלייבט זיך צוזאמען, ובפרט אין א הייליקן ארט וואס איז בדוגמא ווי דער ציון פון רשב"י, אין א שול וואו מ'דאווענט און וואו מ'לערנט, ובפרט אז דאס ווערט אויך באגלייט מיט דאווענען, תפלת מנחה, און מיט זאגן און לערנען פסוקים פון הושב"כ און תושבע"פ -

איז א זיכערע זאך אז רשב"י איז מיט אונז.

און צוזאמען דערמיט - געפינט זיך מיט אונז אויך דער אויבערשטער, ווי רשב"י האט געזאגט[14] אז "כל מקום שגלו (ישראל) שכינה עמהן", אז דער אויבערשטער (די שכינה)

- געפינט -

------------

10) ראה פע"ח שער ספה"ע פ"ז. מ"ח שם מ"ו. 11) פע"ח שם. ובכ"מ. 12) שער הכוונות עניך ספה"ע דרוש י"ב. 13) זח"ג נג, ב. 14) מגילה כט, א.

געפינט זיך מיט יעדער אידן אין גלות, וואו ער זאל נאר זיין,

ביז אז די שכינה געפינט זיך בא דעם אידן אין אן אופן פון "ושכנתי בתוכם"[15] - ביי אים אין הארצן[16].

און וויבאלד אז מ'ווייסט אז דער אויבערשטער געפינט זיך מיט יעדער איד, און רשב"י געפינט זיך מיט יעדער איד - ברענגט דאס נאך א טיפערע פארבונדנקייט מיט אידישקייט, מיט תורה ומצוות בכלל, און מיט די תורה און אנווייזונגען און אנזאגונגען פון רשב"י במיוחד.

און אין אן אופן ווי רשב"י האט געוואלט - אז מ'זאל אנעמען אויף זיך די אנווייזונגען, און דערנאך - מיטנעמען זיי אויף א גאנצן יאר, אויפפירן זיך אין דער ריכטונג און אין דעם גייסט יעדער טאג פון דעם גאנצן יאר וואס קומט לקראתנו לשלום ולטובה ולברכה.

* * *

ו. ס'איז דאך ידוע די בארימטע תורה (איינע פון די הויפט-תורות) פון דעם בעש"ט[17], אז פון יעדער פרט און איינצלהייט וואס א איד זעט אדער הערט - דארף ער אפלערנען דערפון א הוראה ווי אזוי צו דינען דעם אויבערשטן, ווארום יעדער זאך (כולל אויך דאס אז ער האט געזעהן אדער געהערט דעם פרט אין וועלט) איז בהשגחה פרטית[18], מיט א ספעציעלער כוונה פון דעם אויבערשטן אליין.

די תורה האט א שייכות מיוחדת צו ל"ג בעומר, יום שמחתו פון רשב"י - ווארום דער בעש"ט האט א שייכות מיוחדת צו רשב"י: נאך דעם אריז"ל, איז ער (דער בעש"ט) געווען דער וואס האט זיך אפגעגעבן במיוחד מיט הפצת תורתו של רשב"י,

און ווי דער באוואוסטער אויסדרוק[19], אז כש"יפוצו מעינותיך (פון דעם בעש"ט) חוצה" איז "אתי מר", מלכא משיחא - וויבאלד אז תורתו של הבעש"ט ("מעינותיך") איז פארבונדן מיט פנימיות התורה, אנהויבנדיק פון רשב"י'ס ספר, "האי חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר", וואס "יפקון בי' מן גלותא ברחמים"[20].

דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'רעדט זיך וועגן

- ל"ג -

------------

15) תרומה כה, ח. 16) ראה של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב. ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. ובכ"מ. 17) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 18) ראה שם אות קיט ואילך. וש"נ. 19) באגה"ק של הבעש"ט - נדפסה גם בריש ספר כש"ט הוצאת קה"ת. 20) זח"ג קכד, ב (ברע"מ). הובא ונתבאר באגה"ק סכ"ו.

ל"ג בעומר, א טאג וואס איז פארבונדן מיטן רשב"י און מיטן אריז"ל (כנ"ל) און (במילא) מיטן בעש"ט - שטייט דעמולט בהדגשה מיוחדת תורת הבעש"ט הנ"ל.

איז וויבאלד אז דער היינטיקער צוזאמענקלייבן זיך איז פארבונדן מיט ל"ג בעומר (לכבוד ל"ג בעומר), איז פארשטאנדיק, אז אויך אין דעם פרט פון דער קביעות בשבוע פון היינטיקן טאג (וואס בייט זיך דאך פון יאר צו יאר) איז פאראן א הוראה מיוחדת פאר יעדערן פון אונז, אנהויבנדיק (ובמיוחד) פון די גאר קליינע קינדער - א הוראה אין דער הנהגה אין אלגעמיין, וואס נעמט זיך פון דער הנהגה אין עבודת ה׳.

ז. די קביעות פון היינטיקן טאג בימות השבוע איז - יום השלישי בשבוע.

די הוראה דערפון וועט מען פארשטיין, לויט דעם ביאור פון דעם אלטן רבי׳ן[21] - וואס ער איז דאך געווען דער פארזעצער פון הפצת תורת רשב"י והאריז"ל והבעש"ט - אז דאס וואס מיר זאגן (למשל) "היום יום שלישי בשבת", איז דאס ווייל יעדער "יום שלישי" בשבוע איז אזוי ווי דער יום השלישי פון שבעת ימי בראשית.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוראה וואס מ׳דארף באנייען און פארשטארקן אין (יעדער) יום השלישי בשבוע לערנט מען אפ פון דעם וואס די הורה דערציילט וועגן די זאכן וואס זיינען באשאפן געווארן און באנייט געווארן ביום השלישי למעשה בראשית.

און אויך דאס האט א שייכות מיוחדת צו דעם צוזאמענ-קלייבן זיך לכבודו פון רשב"י - וואס ער האט געזאגט אויף זיך[22] אז ער איז דער "צדיק יסוד עולם"[23], ער איז אן איין און איינציקער אויף וועמען די גאנצע וועלט (וואס איז באשאפן געווארן בז׳ ימי בראשיה) האלט זיך.

ח. וועגן דער בריאה אין יום השלישי למעשה בראשית דערציילט די הורה[24]:

"ויאמר אלקים הדשא הארץ דשא עשה מזריע זרע עץ פרי עושה פרי למינו אשר זרעו בו על הארץ גו׳", ד.ה. אז דער אויבערשטער האט געזאגט (געהייסן) אז די ערד זאל פון זיך

- ארויסגעבן -

------------

21) לקו"ת שה"ש כה, סע"א. 22) זח"א רנה, סע"א. וראה גם ב"ר פל"ה, ב. 23) ל׳ הכהוב - משלי י, כה. 24) בראשית א, יא.

ארויסגעבן די (פארשידענע[25]) גראזן וואס וואקסן אין די פעלדער, און אויך בוימער וואס וואקסן אין די גערטנער (און פעלדער), און יעדערער פון זיי זאל ארויסגעבן זיינע פירות.

און גלייך ווען דער אויבערשטער האט דאס געזאגט (ביום השלישי) איז "ויהי כן", "ותוצא הארץ דשא עשה מזריע זרע למינהו ועץ עושה פרי אשר זרעו בו למינהו"[26], ד.ה. אז אזוי איז געווארן בפועל, די ערד האט גלייך אנטפלעקט (ס׳איז פון איר אויסגעוואקסן) אלע-ערליי גראזן און אלע-ערליי בוימער.

און חז"ל[27] דערקלערן, אז דעמולט האבן אלע בוימער געגעבן (גוטע) פירות (וואס מ׳קען עסן און הנאה האבן פון זיי), און עס זיינען ניט געווען קיין "אילני סרק" (בוימער וואס גיבן ניט קיין פירות).

און דערנאך איז "וירא אלקים כי טוב, ויהי ערב ויהי בוקר יום שלישי"[28].

ס. וואס דאס איז א קלארע אנווייזונג בנוגע צו אידישע קינדער:

יעדער איד איז געגליכן צו "עשב" און צו "עץ פרי"[29].

בשעת דער געבארן-ווערן פון אידישע קינדער בא אידישע עלטערן איז ווי דער אויבערשטער וויל, ווי ער האט אנגעזאגט און געהייסן און געגעבן כח - "ויאמר אלקים" -

בענטשט דער אויבערשטער די עלטערן, אז בא זיי ווערן געבארן קינדער וואס זיינען "עשב מזריע זרע למינהו ועץ עושה פרי אשר זרעו בו למינהו":

די קינדער זיינען אזוי ווי די העכסט-נויטיקע געוואוקסן וואס די ערד גיט ארויס - "המוציא לחם מן הארץ", חטים ושעורים וכיו"ב, וואס דערפון מאכט מען לחם, וואס אויף לחם האלט זיך דער מענטשליכער לעבן[30] און געזונט, כמ"ש[31] "ולחם לבב אנוש יסעד",

און נאכמער: זיי זיינען אלע ווי אן "עץ פרי", ווי א בוים וואס גיט ארויס אמת׳ע גוטע פירות וואס מאכן געשמאקער דעם טאג-טעגליכן לעבן (ניט נאר ווי ברויט וואס איז א דבר המוכרח)[32] - וואס -

------------

25) ראה פרש"י עה"פ. 26) בראשית שם, יב. 27) ב"ר ספ"ה. 28) בראשית שם, יב-יג. 29) ראה תענית ז, א. 30) ראה עקב ח, ג. לקו"ת אמור לט, ג. 31) תהלים קד, טו. 32) ראה ברכות לה, א-ב. שו"ע אדה"ז או"ח סקס"ז ס"א. סדר ברה"נ לאדה"ז פ"א סי"ז. שו"ע (ואדה"ז) שם סקע"ז. וראה ב"י או"ח סר"ז. לקו"ת ויקרא נב, א.

[וואס די צוויי ענינים (לחם וואס וואקסט בשדה, און פירות וואס וואקסן בכרם) ווערן דערמאנט אויך אין אונזער סדרה[33]: "שש שנים תזרע שדך", און "שש שנים תזמור כרמך"].

י. וויבאלד אז דער אויבערשטער האט באשאפן יעדן קינד מיט אן אייגענעם תענוג און אייגענעם רצון און אייגענע כחות -

גיט ער דעם קינד דעם כח אז ביי אים זאל זיין דער ריכטיקער רצון און תענוג, בכדי אז דער קינד זאל דאס אויסנוצן אויף זיין דער ריכטיקער שפייזער פון אלעמען ("עשב מזריע זרע" - לחם) און דער ריכטיקער פארשאפער פון פארגעניגן (תענוג) פון אלעמען ("ועץ עושה פרי"),

ובמילא נוצט אויס יעדער אידיש-קינד און אלע אידישע קינדער זייערע אלע כחות, אנהויבנדיק פון רצון און תענוג, און אלע כחות, אז זיי זאלן וואקסן ווי דער אויבערשטער האט זיי געגעבן כח, און האט זיי געבענטשט אז זיי זאלן מצליח זיין אין דעם,

ביז עס זאל זיין "וירא אלקים כי טוב", אז דער אויבערשטער גיט א קוק יעדן דינסטאג (כולל דעם דינסטאג) אויף אידישע קינדער (וואס זיינען געגליכן צו "עשב" און צו "עץ פרי") און זעט אז זיי זיינען "טוב".

און נאכמער: נאך זייענדיק קינדער, ד.ה. נאך אין אנהויב פון זייער אנטוויקלען זיך (ע"ד ווי עשב הארץ און עצי פרי דעמולט) - זעט שוין דער אויבערשטער "כי טוב".

און דאס האט אויך א קשר דערמיט וואס ביום השלישי איז "הוכפל בו כי טוב"[34], "טוב לשמים וטוב לבריוה"[35] - ווארום יעדער אידישער קינד איז "טוב" פאר-זיך און בא זיך אין דער היים, און טוט אלץ וואס הענגט אפ אן אים אויף מאכן גוט פאר אלע מענטשן ארום אים.

און דאס פארגרעסערט נאכמער די הצלחה און די ברכה פון דעם אויבערשטן.

יא. בהמשך להאמור וועגן "טוב לשמים וטוב לבריות", וועט מען צום סוף פון דעם פארברייגגען זיכער מקיים זיין אויך די מצוה פון צדקה, וואס די איז דאך "טוב לבריוה",

און דעמולט וועט זיין דער "חוט המשולש"[36] - דער

- דאוונען -

------------

33) בהר כה, ג. 34) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 35) קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב ואילך. משפטים ע' א'קנז. ועוד. 36) ל' הכתוב - קהלת ד, יב.

דאווגען צוזאמען, דער זאגן תושב"כ און תושבע"פ צוזאמען, און די נתינה הצדקה צוזאמען[37],

וואס דער "חוט המשולש לא . . ינתק" - ער וועט קיינמאל ניט נפסק ווערן און וועט זיין אן אייביקער פארבונד,

ווי געזאגט פריער (ס"א) אז דאס איז אן אייביקע תורה און אייביקע מצוות און אן אייביקער פאלק.

און איינגיכן וועלן מיר גיין אין דער גאולה שאין אחרי׳ גלות[38], אין דער אייביקער אויסלייזונג, דורך משיח צדקנו,

"ביום השלישי יקימנו ונחי׳ לפניו"[39], בבנין ביהמ"ק השלישי[40],

במהרה בימינו ממש.

* * *

יב. ס׳איז דאך פאראן אן אפלערנונג אויך פון דער קביעות פון היינטיקן טאג בימות החודש - וואס היינט איז עשרים יום בחודש אייר.

געפינט מען אין תורה א קלארע אנווייזונג וועגן דעם טאג (ע"ד ווי מ׳געפינט עס בנוגע ליום שלישי בשבוע, כנ"ל):

די תורה דערציילט א געוויסע פאסירונג, און ווייזט אן דעם טאג ווען דאס האט געטראפן - בכ׳ אייר;

איז וויסנדיק אז תורה איז לשון הוראה און אז "התורה היא נצחית"[41] - איז פארשטאנדיק, אז דערמיט גיט תורה אן א ספעציעלע אנווייזונג אויף יעדן יאר ווען עס קומט דער טאג,

און דאס גיט כח אויף פירן זיך אזוי במשך דעם גאנצן יאר, און אין די יארן וואס קומען דערנאך.

יג. אין פרשת "בהעלותך את הנרות", ווערט דערציילט[42]:

"ויהי בשנה השנית בחודש השני בעשרים בחודש נעלה הענן מעל משכן העדות, ויסעו בני ישראל למסעיהם ממדבר סיני גו׳ ויסעו בראשונה על פי ה׳ ביד משה",

ד.ה. אז אין דעם טאג האט דער אויבערשטער באוויזן אידן אז איצטער דארף מען זיך אויפהויבן און גיין פון הר סיני, אין דער ריכטונג פון ארץ ישראל, ארץ הקודש.

- יד. -

---

37) ראה לקו"ש חי"ד ע׳ 270. 38) ראה תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. 39) הושע ו, ב. 40) פרש"י שם. 41) תניא רפי"ז. ובכ"מ. 42) בהעלותך י, יא-יג.

יד. דערפון איז דא א הוראה אין דער עבודה פון אידישע קינדער:

עס זיינען דאך פאראן שעות אין טאג וואס דעמולט זיינען די קינדער אין א צושטאנד וואס איז גלייך צום צושטאנד פון אידן ווען זיי זיינען געווען ביים בארג סיני - בשעת זיי לערנען תורה[43], דאוונען צום אויבערשטן, און שטייען פאר דעם אויבערשטן ("דע לפני מי אתה עומד"[44]);

דערנאך זיינען פאראן שעות אין טאג, וואס דער אויבערשטער האט באשאפן א מענטשן (אויך א קינד) אז פון ציים-צו-צייט דארף ער זיך אפרוהען דורך אויסשלאפן זיך, אדער עסן און טרינקען כדי צו זיין געזונט אויך בגופו -

וואס אין דער צייט ווען ער עסט און טרינקט און שלאפט קען ער דאך ניט לערנען קיין תורה -

קען מען דאך מיינען אז דעמולט איז ער אפגעריסן, ח"ו, פון תורה.

אויף דעם דערציילט תורה, אז דאס אוועקגיין פון הר סיני מיינט ניט (ח"ו) אז מ'איז אוועקגעגאנגען פון אידישקייט, פון תורת משה ("תורה צוה לנו משה"[45]), נאר אדרבה, מ'איז געגאנגען ווי תורה האט אנגעוויזן מ'זאל גיין - "על פי ה' ביד משה",

און ווי דערציילט דארט[46] ווייטער אז "וארון ברית ה' נוסע לפניהם", אז דעם אויבערשטן'ס ארון, אין וועלכן עס זיינען געווען די לוחות[47], איז געגאנגען פאר אידן, און אידן זיינען אים נאכגעגאנגען.

טו. דערפון האט מען די הוראה פון כ' באייר אויף יעדער דור און אלע דורות און אלע ערטער, כולל אויך אויף כ' באייר פון היינטיקן יאר:

יעדער איד, און יעדער אידיש-קינד דארף וויסן אז א טייל פון טאג געפינט ער זיך ביים בארג סיני, בשעת ער לערנט די תורה און איז מקיים די מצוות וואס זיינען געגעבן געווארן בהר סיני

- ווי געבראכט ברש"י בפרשתנו[48], אז די מצוות מיט אלע זייערע איינצלהייטן זיינען געגעבן געווארן בסיני -

- און -

---

43) ראה ירושלמי תענית פ"ד ה"ה. תוס' שבת קטז, רע"א. 44) ראה ברכות כח, ב. 45) ברכה לג, ד. 46) בהעלותך שם, לג. 47) ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ. 48) ר"פ בהר.

און אויך ווען ער מוז גיין עסן און טרינקען און שלאפן (ווייל ער איז הונגעריק אדער דארשטיק אדער אויסגעמאטערט), כדי ער זאל האבן די פולסטע כחות אויף נאכמער לערנען תורה און נאך בעסער מקיים זיין מצוות -

איז דאס אויך באשאפן געווארן דורכן אויבערשטן, און אויך אין דעם גיט אים דער אויבערשטער מיט זיין תורה ווי ער זאל זיך פירן, וואס און ווי אזוי ער זאל עסן אדער טרינקען, ועד"ז בנוגע צו שלאפן[49].

טז. נאך אן אפלערנונג איז פאראן אין דער נסיעה פון אידן פון הר סיני:

ווי געזאגט פריער, איז "וארון ברית ה׳ נוסע לפניהם", דער ארון איז געפארן פאר די אידן, און אידן זיינען אים נאכגעגאנגען.

איז דעמולט, אפילו ווען מ׳איז געגאנגען אין א מדבר, און א וויסטעניש - האט מען ניט געדארפט מלחמה האבן, ווארום "ויהי בנסוע הארון ויאמר משה: קומה ה׳ ויפוצו אויביך וינוסו משנאיך מפניך"[50]:

משה רבינו האט דעמולט (צום ערשטן מאל) אויסגערופן, אז דער אויבערשטער שטעלט זיך אוועק פאר אידן, און אין אן אופן אז זיי דארפן ניט מלחמה האבן, נאר נאך איידער זיי קומען צוגיין ערגעץ-וואו - איז "ויפוצו אויביך", עס ווערן פאנאנדערגעשפרייט די אלע וואס זיינען ניט קיין ליב-האבער פון דעם אויבערשטן ("אויביך"), וואס דאס דריקט זיך אויס - אין זייער ניט ליב-האבן אידן,

ווי חז"ל[51] זאגן אז "כל מי ששונא את ישראל כמו ששונא את המקום",

"וינוסו משנאיך", "משנאיך" אנטלויפן, "מפניך", פון דעם ארון מיט די לוחות.

יז. און דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳גייט מיטן "ארון ה׳" בראש, מיטן אויבערשטן׳ס תורה - קען מען גיין רואיק אין "דרך ה׳"[52], אין דער וועג וואס דער אויבערשטער ווייזט אן.

- און -

---

49) ראה רמב"ם הל׳ דעות ספ"ג (וראה גם שם רפ"ד). טושו"ע או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ה ס"א.
50) בהעלותך שם, לה. 51) ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ.
52) ל׳ הכתוב - וירא יח, יט.

און די אלע זאכן וואס שטערן אים, וואס האבן אים ניט ליב, פאלן זיך פאנאנדער און אנטלויפן,

און ער קען גיין לבטח דרכו, זיכערערהייט, רואיקערהייט און פריילעכערהייט ווי א איד דארף זיך אויפפירן,

ביז ער קומט צוגיין אין א"י, אין דער אמת׳ער גאולה.

יח. און בשעת א אידישער קינד פירט זיך ווי ער דארף זיך פירן – ווערט מקוים וואס ער זאגט אין דעם שיעור פון יום השלישי פון פ׳ בהר[53]:

"ונתנה הארץ פרי׳" – אז די אידישע הייזער גיבן ארויס די ריכטיקע פירות, אידישע קינדער,

"וישבתם לבטח גו׳" – מ׳זיצט רואיק און זיכער, ווארום מ׳האט גוטע קינדער וואס פארשאפן דעם אמת׳ן פארגעניגן.

ביז ווי ער איז מסיים דעם שיעור[54] "ובכל ארץ אחוזתכם גאולה תתנו לארץ" –

אז די גאנצע לאנד וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן פאר אן אחוזה (א נחלה) צו דעם אידישן פאלק, ווערט אויסגעלייזט,

דורך דער פאסענדער הנהגה פון יעדער אידן און אלע אידן.

יט. ויה"ר אז דאס זאל זיין בקרוב ממש, גאר איינגיכן,

דורך מעשינו ועבודתנו[55], דורך דערויף וואס אידישע קינדער וועלן זיך אויפפירן ווי עס דארף צו זיין, און וועלן אויך טאן וואס עס הענגט אפ אן זיי אז אויך זייערע עלטערן זאלן נאכמער טאן אין אידישקייט, "והשיב לב אבות על בנים – על ידי בנים"[56].

און אלע צוזאמען, "קהל גדול ישובו הנה"[57], וועלן איינגיכן אנקומען אין "ארץ אחוזתכם", אין אונזער אייביקער אחוזה און נחלה, אין ארצנו הקדושה, אין אונזער הייליקע לאנד.

* * *

כ. ס׳איז זעלבסטפארשטענדליך, אז ס׳איז פאראן א ספעציעלע אנווייזונג (ניט נאר פון דעם טאג אין וואך און אין חודש ווען דער כינוס לכבוד ל"ג בעומר קומט פאר, נאר) אויך פון

– דעם –

------------

53) כה, יט. 54) שם, כד. 55) ראה תניא רפל"ז. 56) מלאכי ג, כד ובפרש"י. 57) ירמי׳ לא, ח.

דעם יאר אין וועלכן ל"ג בעומר (והכינוס לכבודו) איז:

הייַנטיקער יאר איז א ספעציעלער יאר, א "שנה השביעית . . שבת לה'"[58], ד.ה. אז דאס איז א שבת'דיקער יאר, ווארום דאס איז דער זיבעטער יאר פון דער ציילונג פון יארן, אזוי ווי שבת איז דער זיבעטער טאג פון דער ציילונג פון די טעג פון וואך[59].

די הנהגה פון אידן בשנת השמיטה איז ענליך צו דער הנהגה פון אידישע קינדער:

די הנהגה פון שנה השביעית איז - אז מ'פארנעמט זיך ניט מיט באארבעטן די פעלדער און די גערטנער - "שבת שבתון יהי' לארץ שבת לה', שדך לא תזרע וכרמך לא תזמור"[58].

עד"ז איז בנוגע צו קינדער:

דער אויבערשטער האט אייַנגעשטעלט אז קינדער געפינען זיך אין א צושטאנד אין זייער טאג-טעגליכן לעבן ווי יעדער איז ביום השבת, אז זיי דארפן זיך ניט פארנעמען מיט "תזרע שדך" אדער "תזמור כרמך", אדער מיט אנדערע ענינים כדי צו פארדינען פרנסה אויף דער הוצאה -

ווארום דער אויבערשטער בענטשט זיי מיט גוטע עלטערן וואס באזארגן זיי מיט אלץ, סיי לחם - די נויטיקע זאכן, סיי תענוגים - די זאכן וואס מ'האט פון זיי פארגעניגן - ובמילא איז בא זיי אלעמאל "שבת", זיי זייַנען אלעמאל פריי פון אלע דאגות פון פרנסה,

אזוי ווי יעדער איד איז ביום השבת, אז די טירחא האט מען בערב שבת[60], אבער בשבת עצמו איז "וקראה לשבת עונג"[61].

כא. און אין דעם באשטייט די הוראה פון שנת השמיטה אין דער עבודה פון אידישע קינדער:

שנת השמיטה איז ניט סתם א יאר וואס מ'האט ניט וואס צו טאן ח"ו - נאר דאס איז "שבת לה'", א יאר וואס איז פארבונדן מיט אלע זאכן וואס זייַנען אנגעזאגט געווארן דורך דעם אויבערשטן[62], ד.ה. תורה און מצוות בכל פרטיהם ודקדוקיהם (וואס אויך זיי זייַנען געגעבן געווארן מסיני, כנ"ל (סט"ו) פון פירוש רש"י).

- ועד"ז -

---

58) פרשתנו שם, ד. 59) רמב"ן עה"פ שם, ב. חינוך מצוה פד. 60) ראה ע"ז ג, א. 61) ישעי' נח, יג. וראה שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רמב. 62) ראה בארוכה המכתבים הכלליים דח"י אלול תשל"ט וי"א ניסן ש.ז. וש"נ.

ועד"ז איז מובן בנוגע צו דער הנהגה פון אידישע קינדער, אז דאס וואס דער אויבערשטער שטעלט זיי אוועק אין א מצב אז זיי דארפן ניט האבן קיינע טירחות אין גשמיות׳דיקע זאכן -

איז דאס ניט ח"ו כדי זיי זאלן ניט האבן וואס צו טאן, נאר אדרבה - עס דארף זיין טירחא, ווי געזאגט פריער (אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל) "לא יגעתי ומצאתי - אל תאמין"[63] - אבער די טירחא איז אין זאכן וואס זיינען פארבונדן דירעקט מיטן אויבערשטן -

לערנען זיין תורה, מקיים זיין זיינע מצוות, און דאווענען צו אים (ד.ה. בעטן פון אים ברכה והצלחה).

כב. און די תפלה ובקשת ברכה והצלחה פון די קינדער איז דאך סיי פאר זיך, סיי פאר די עלטערן, סיי פאר דעם בית-הספר וואו זיי לערנען, און סיי פאר "בריות"[64] - פאר אידן וואס זיינען ווייט פון זיי, זיי האבן זיי קיינמאל ניט געטראפן[65], זיי ווייסן אבער וועגן דעם מאמר פון ר׳ עקיבא "ואהבת לרעך כמוך - זה כלל גדול בתורה"[66].

און דערביי בעטן זיי אויך, און זיי פידן אוים - די גאולה פון יעדער איד און פון אלע אידן,

ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין דער תפלה פון מנחה, דער ענין פון דער גאולה אין ברכת "גואל ישראל", ביז אין אן אופן פון "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", און פאר דעם - "בונה ירושלים" -

אז דער אויבערשטער לייזט אויס זיין פאלק, און לייזט אויס זיין לאנד, און בויט אויף ירושלים, אין אן אופן אז מ׳זעט אז דאס איז "קרית מלך"[67] - אז דאס איז די הויפט-שטאט פון דוד, וואס ער איז דוד מלכא משיחא.

און דורך די פעולות און אויפפירונג פון אידישע קינדער און פון אידישע ערוואקסענע ווי עס דארף צו זיין, זיינען מיר זוכה צו "ותחזינה עינינו", אז מ׳וועט זעהן מיט די אייגענע אויגן "בשובך לציון", ווי דער אויבערשטער קערט זיך אום אין ציון און אין ירושלים.

און ער טוט דאס "ברחמים", אין א רחמנות׳דיקן אופן, בטוב הנראה והנגלה.

- און -

---

63) ממגילה ו, ב. 64) ראה תניא פל"ב. 65) ראה היום יום ע׳ כה. שם ע׳ קיג. 66) קדושים יט, יח. תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ. נתבאר בארוכה בלקו"ש קדושים ש.ז. 67) תהלים מח, ג.

און מ׳זאגט דערנאך "ברוך אתה ה׳" - מ׳בענטשט און מ׳דאנקט דעם אויבערשטן פאר "המחזיר שכינתו לציון", וואס ער האט אומגעקערט זיין שכינה צו ציון,

ווי רשב"י זאגט, אז די שכינה קערט זיך אום און גייט ארויס פון גלות - ווען יעדער איד און אלע אידן גייען ארויס פון גלות,

וואס דעמולט איז "ושב ה׳ אלקיך את שבותך"[68], די שכינה גייט אויך ארויס מיט יעדערן פון זיי און מיט אלעמען פון זיי, און מ׳קערט זיך אום "לציון",

אין דער אמת׳ער און גיכער און שנעלער גאולה, ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה לנגן "עוצו עצה ותופר גו׳ כי עמנו א-ל". "ופרצת".

— * —

68) נצבים ל, ג.

בס"ד. שיחת ש"פ בהר-בחוקותי, מבה"ח סיון ה׳תש"מ.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

א. ס׳איז דאך שבת מברכים חודש סיון, און אויך דער שבת נאך ל"ג בעומר.

און וויבאלד אז בקביעות שנה זו איז ל"ג בעומר געווען בתחלת השבוע, ביום ראשון - איז אין דערויף אויך דא דער ענין פון "נעוץ סופן בתחלתן ותחלתן בסופן"[1] פון דעם שבת מיט ל"ג בעומר.

וואס דער ענין פון נעוץ סופן בתחלתן ותחלתן בסופן איז אויך דא אין נגלה דתורה, כידוע דער מנהג אין א הדרן צו מקשר זיין דעם סיום וחותם המסכת מיט התחלתה[2], וע"ד ווי מ׳זאגט בשמח"ת אין "רשות לחתן בראשית" - "מתכיפין התחלה להשלמה", און ווי מ׳פירט זיך אויך בפועל אז נאך דער קריאה פון סיום התורה (פ׳ ברכה) הויבט מען גלייך אן ליינען התחלת התורה (פ׳ בראשית), ווארום "נעוץ סופן בהחלתן"[3].

ב. די צוויי ענינים אין דעם שבת, שבת מברכים חודש סיון, און דער שבת נאך ל"ג בעומר - האבן א שייכות ישרה צווישן זיך:

שבת מברכים חודש סיון איז מברך ראש חודש סיון, וואס ענינו איז ווי עס שטייט אין פסוק[4] "בחודש השלישי לצאת בני ישראל מארץ מצרים ביום הזה באו מדבר סיני", ווי די גמרא[5] לערנט אפ פון א גזירה-שוה "הזה" "הזה"[6], אז "ביום הזה" איז דער טאג פון ראש חודש פון חודש השלישי, ד.ה. ר"ח סיון,

און דעמולט איז "באו מדבר סיני", צו מקבל זיין די תורה.

עד"ז איז דער שבת נאך ל"ג בעומר פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה:

אין דעם שבת נאך ל"ג בעומר ווערן נתעלה אלע ענינים פון ל"ג בעומר אין אן אופן פון "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[7],

וואס ל"ג בעומר איז דאך דער יום ההסתלקות וההילולא

- פון -

------------

1) ספר יצירה פ"א כ"ז. 2) ראה לקו"ש תרומה תשל"ו ס"ג. ובהנסמן שם. 3) שו"ה הדרב"ז ד"ם א׳רעט (רח). הובא בברכ"י או"ח ר"ם תרסט. 4) יהדו יט, א. 5) שבת פו, ב. 6) ראה פרש"י שם ד"ה כתיב הכא. תוס׳ שם סד"ה וכתיב. 7) ל׳ הכתוב - בראשית ב, א.

פון ר' שמעון בן יוחאי, וואס ענינו בפשטות ע"פ נגלה, איז - "תורתו אומנתו"[8],

ביז אז ער איז אמיתית הענין פון "תורתו אומנתו", ווי מ'זעט אז אלס דוגמא אויף "תורתו אומנתו" (אין גמרא[9] און אין פוסקים[10]) ווערן געבראכט "רשב"י וחבריו".

ג. והביאור בזה:

סיי דער פארבונד פון ראש חודש סיון, און סיי דער פארבונד פון ל"ג בעומר מיט דעם ענין התורה, איז דאס מיט תורה ווי זי איז בתכלית העילוי:

חודש סיון איז פארבונדן מיט מתן תורה, און ל"ג בעומר - מיט רשב"י וואס ענינו איז "תורתו אומנתו", כנ"ל;

און אין דעם שבת שטייען די ביידע ענינים פון תורה נאך אין א העכערן אופן ווי דאס איז במ"ה, און ווי דאס איז בל"ג בעומר.

ד. והביאור בזה:

דער ענין פון "תורתו אומנתו" איז דאך ענינו פון רשב"י בכלל, במשך כל ימי חייו;

ועאכו"כ בל"ג בעומר, יום ההסתלקות דרשב"י:

דער אלטער רבי שרייבט אין זיין אגה"ק הידועה[11], אז בעת פטירתו פון א צדיק, איז "פעולתו אשר עבד בה" במשך כל ימי חייו עולה "בעילוי אחר עילוי עד רום המעלות",

און זיי זיינען עולה ביז אין "שרש שרשו ברום המעלות במדריגה היותר עליונה למעלה מעלה", ווי עס שטייט אין דעם מיטעלן רבי'נס סידור[12],

און פון דארטן איז דאס "מתגלה ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה"[13], ביז אין אן אופן פון "פועל ישועות בקרב הארץ"[14]:

ד.ה. אז ניט זיי ווערן נתגלה אין עולמות העליונים, אדער אפילו אין עוה"ז, אבער אין רוחניות פון עוה"ז - נאר זיי ווערן נתגלה אין גשמיות וחומריות העולם, אין "ארץ",

- ביז -

------------

8) שבת יא, א. 9) שם. 10) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 11) סכ"ז. 12) שער הל"ג בעומר (דש, רע"ג). 13) אגה"ק סכ"ח. 14) אגה"ק שם. ודאה שיחת מוצאי ש"פ שמות, אור לכ"ד טבת ש.ז. ס"ב ואילך.

ביז "בקרב הארץ", וואס דאס איז דאך א לשון הכתוב בנוגע צו ארץ מצרים[15], וואס זי איז "ערות הארץ"[16], און ווי חז"ל[17] זאגן אז "כל מה שברא הקב"ה באדם ברא בארץ . . אדם יש לו ערוה והארץ יש לה ערוה, שנא'[16] לראות את ערות הארץ באתם", און דארטן גופא "בקרב הארץ", אין מיטן פון לאנד[18].

און ניט אז די ענינים געפינען זיך "בקרב הארץ" און זיי פועל'ן ניט - נאר זיי פועל'ן דארטן, און אין אן אופן פון "ישועות" - "פועל ישועות בקרב הארץ".

ד.ה. אז ביום ההסתלקות פון א צדיק ווערט נתעלה כל עבודתו אין גבוה גבוה, ווי דאס שטייט בשרשו ומקורו למעלה, און פון דארטן ווערט דאס נמשך ביז למטה מטה "בקרב הארץ".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו ל"ג בעומר:

רשב"י איז געווען בתכלית העילוי במשך כל ימי חייו, אפילו ניט ווי ער איז בשרשו: ער איז געווען "תורתו אומנתו", ער איז געווען פון די "בני עלי'"[19], און ער האט געזאגט[20] "אית חד ואנא הוא, דכתיב[21] וצדיק יסוד עולם";

בשעת אבער עס קומט ל"ג בעומר, יום ההסתלקות וההילולא שלו, שטייען די אלע עילויים ווי זיי זיינען בשרשם ומקורם, און פון דארטן ווערן זיי נמשך למטה, ביז אז זיי זיינען "פועל ישועות בקרב הארץ".

ה. דערנאך אז עס קומט דער שבת נאך ל"ג בעומר, ווערן נתעלה אלע ענינים פון ל"ג בעומר, אין אן אופן פון "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם", "ויכולו" מלשון כליון[22],

און דאס ווערט אויך נמשך למטה, ווי דער צווייטער אפטייטש אין "ויכולו", מלשון תענוג, "חמדת ימים אותו קראת", אז עס ווערט נמשך למטה אין אן אופן פון תענוג.

ד.ה. אז ווי הויך די ענינים פון רשב"י שטייען אין ל"ג בעומר, וואס דאס איז ווי כל עבודתו, "תורתו אומנתו" וכו' שטייט בשרשו ומקורו, און דאס ווערט נמשך למטה מטה - איז אבער ווען עס קומט דער שבת נאך ל"ג בעומר ווערן די אלע ענינים פון ל"ג בעומר נאכמער נתעלה, און זיי שטייען אין נאך א העכערן אופן ווי זיי זיינען געשטאנען אין ל"ג בעומר,

- און -

------------

15) וארא ח, יח. 16) מקץ מב, ט. 17) קה"ר פ"א, ד. 18) ראב"ע עה"פ וארא שם. 19) סוכה כה, ב. 20) זח"א רנה, סע"א. וראה גם ב"ר פל"ה, ב. 21) משלי י, כה. 22) ראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. שם כרך ג תקה, ב ואילך. שם תקח, א ואילך.

און דאס ווערט נמשך אויך למטה בעולם אין אן אופן פון תענוג, ביז אז דאס פועל'ט אין גשמיות העולם [וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס רבותינו נשיאינו האבן געפראוועט מופתים בגשמיות העולם בקשר מיט ל"ג בעומר[23]].

ו. דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז אין דעם שבת (נאך ל"ג בעומר) ווערט נתעלה דער ענין פון תורה, און ווי תורה איז בתכלית העילוי - "תורתו אומנתו", נאך אין א העכערע דרגא.

וואס דאס איז נאכמער מודגש ע"פ דעם מרז"ל[24] אז א תלמיד חכם ווערט אנגערופן שבת, וואס ענינו פון א ת"ח איז - תורה, און דאס ווערט אנגערופן שבת.

און דערנאך איז דא ווי דאס גופא ווערט נתעלה אין יום השבת, ווארום כידוע[25] זיינען אין שבת פאראן כו"כ דרגות, וכמ"ש[26] "את שבתותי תשמורו" ("שבת שבתון שבת לה'"[27]), ועד"ז דרגות "גבוה מעל גבוה וגבוהים עליהם"[28].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

כאטש אז ענינו פון רשב"י איז "תורתו אומנתו", וואס דאס ווערט אנגערופן שבת, ביז בל"ג בעומר איז דער ענין פון "תורתו אומנתו" פון רשב"י ("שבת") געשטאנען בתכלית העילוי, ווארום אין דעם יום ההסתלקות פון א צדיק שטייט כל עבודתו בגלוי ווי דאס איז בשרשו ומקורו, כנ"ל -

פונדעסטוועגן איז אין דעם גופא דא כו"כ דרגות, ביז אז אין דעם שבת וואס קומט לאחרי ל"ג בעומר ווערט נתעלה אויך דער ענין פון ל"ג בעומר נאך העכער ווי דאס איז געווען בל"ג בעומר, ווארום ביום השבת איז דער "ויכולו", ביז אין אן אופן פון תענוג, פון די אלע ענינים פון די ששה ימים שלפנ"ז.

ז. נקודה הנ"ל (אז אין שבת ווערן נתעלה אלע ענינים פון די ששה ימים שלפניו, ובאופן של תענוג) איז אויך פארשטאנדיק פון דעם מרז"ל[29] "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת":

די ענינים וואס זיינען אין אן אופן פון "טרח" בערב שבת, שטייען אין אן אופן פון "יאכל" ווען עס קומט שבת,

וואס ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז ס'איז באין ערוך

- דער -

------------

23) היום יום ח"י אייר (ע' נה). 24) זח"ג כט, א. וראה שבת קיט, א. 25) ד"ה את שבתותי עטר"ת וה'ש"ת. ובכ"מ. 26) תשא לא, יג. 27) פרשתנו (בהר) כה, ד. וראה בהמאמר דההתוועדות זו. 28) ע"פ ל' הכתוב - קהלת ה, ז. 29) ע"ז ג, א.

דער תענוג און שלימות אין דעם "יאכל" לגבי דעם תענוג און שלימות אין דעם "טרח".

ומובן אז דער פירוש אין "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת" - איז ניט נאר בנוגע צו ערב שבת כפשוטו, יום הששי - נאר דאס גייט אויך אויף אלע טעג פון דער וואך, ביז צו יום הראשון בשבוע, וואס דעמולט זאגט מען אויך "זו לשבת"[30].

וואס אע"פ אז דאס איז געווען הנהגת שמאי צו זאגן בכל יום בשבוע "זו לשבת", משא"כ הנהגת הלל איז געווען "שהי' אומר ברוך[31] ה' יום יום יעמס לנו"[32] - איז אבער פארשטאנדיק בפשטות אז הלל האט ניט געווארט ביז יום הששי צו בין השמשות אויף צוגרייטן צו שבת, נאר ס'איז זיכער ביי אים געווען די הכנות צו שבת שוין פון עטליכע טעג לפנ"ז; ביי אים איז אבער געווען דער סדר העבודה אז בכל יום איז געווען אן עבודה בפ"ע, ובלשון הזהר[33] [וואס דאס איז "היבורא דילך" פון דשב"י[34]] "כל יומא ויומא עביד עבידתי'".

און אע"פ אז אין שו"ע פון דעם אלטן רבי'ן[35] ברענגט ער בנוגע צו די הכנות לשבת פון כמה "גדולי החכמים" ("מבקעים עצים" וכיו"ב), און בפשטות רעדט זיך דארטן וועגן הכנות בערב שבת כפשוטו (יום הששי)[36] - איז אבער בפועל דארפן די הכנה צו שבת זיך אנהויבן פון ג' ימים לפני השבת, פון מיטוואך אן, און נאכמער - פון יום הראשון בשבוע,

ובפרט בנוגע צו הוצאה שבת (ויו"ט) - זעט מען בפועל אז די השתדלות דערצו הויבט זיך אן נאך פון התחלת השבוע (עכ"פ).

ח. דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו ל"ג בעומר און דעם שבת שלאחריו:

ווי הויך די עילויים זיינען געווען אין ל"ג בעומר, איז דאס אלץ אין אן אופן פון "טרח" לפי ערך דעם שבת שלאח"ז, וואס דעמולט איז דער "יאכל" פון דעם "טרח בערב שבת", ד.ה. אז אין דעם שבת ווערן נתעלה אלע ענינים פון די ימות השבוע אין אן אופן פון "יאכל".

און די עלי' איז אין אן אופן פון תענוג, ווי דער ענין פון "יאכל" איז בפשטות,

- און -

---

30) ביצה טז, א. שו"ע אדה"ז או"ח סרמ"ב ס"י. וראה גם מכילתא עה"פ יתרו כ, ח. הובא בשו"ע אדה"ז שם. 31) ל' הכתוב - תהלים סח, כ. 32) שו"ע אדה"ז שם. מביצה שם. 33) ח"ג צד, ב. 34) זח"ג קכד, ב (ברע"מ). 35) או"ח סר"נ ס"ד. 36) ראה שם בריש הסימן.

און דאס איז ניט קיין תענוג וואס וועט קומען לאחר זמן, בדוגמא ווי דער תענוג וואס קומט פון דעם "טרח", וואס דאס איז א תענוג וואס קומט לאחר זמן, נאך דעם "טרח" - נאר אין דעם "יאכל" פון שבת באקומט מען גלייך דעם תענוג - "וקראת לשבת עונג"[37], שבת איז א יום שכולו תענוג.

ט. וועד"ז בנוגע צו דעם צווייטן ענין אין דעם שבת, שבת מברכים חודש סיון - שטייט דער ענין התורה (מתן תורה) אין איר בתכלית העילוי (נאך העכער ווי דאס איז בר"ח סיון און בזמן מתן תורה). והביאור בזה:

דער ענין פון שבת מברכים החודש איז - דער שבת וואס גיט כח און בענטשט און פון אים איז מען קובע ראש חודש.

וואס דעריבער איז פארשטאנדיק, אז אין דעם שבת מברכים ר"ח סיון איז דא נאך א העכערער ענין ווי אין ר"ח אליין - ווארום א מברך איז אלעמאל העכער פאר דעם מתברך, כמובן בפשטות.

ובנדו"ד:

ראש חודש סיון איז דער טאג וואס איז כולל אין זיך דעם טאג פון מ"ת, ווארום ער ווערט אנגערופן ראש חודש, ד.ה. אז ער איז ניט נאר התחלת החודש - נאר ער איז דער ראש פון דעם חודש[38], ע"ד ווי מ'זאגט ראש השנה[39], און ראש העדה, בלשון פון הניא[40] "ראשי אלפי ישראל":

דער ענין פון א "ראש" איז - אז דארטן איז פריער נכלל דער חיות פון אלע אברים, און דערנאך ווערט נמשך פון דארטן דער חיות לכל אבר במקומו, דער חיות פון די אברים ווערט אבער ניט נמשך פון דעם ראש ווי א פרט פון א כלל, וואס דער פרט ווערט א דבר בפ"ע נאך דעם וואס ער קומט ארויס פון דעם כלל - נאר ער ווערט נמשך פון דעם ראש אין אן אופן אז אפילו ווי די אברים פרטיים געפינען זיך במקומם - ווערן זיי אנגעפירט פון דעם ראש, בשעת דאס איז א נארמאלער גוף, א גוף בריא.

וועד"ז איז דאס בנוגע צו ראש חודש:

אלע טעג פון דעם חודש זיינען פריער נכלל אין דעם ראש פון דעם חודש, און דערנאך אפילו ווי די טעג געפינען זיך כל אחד במקומו אין ימי החודש - ווערן זיי אויך אנגעפירט פון דעם ראש פון דעם חודש.

- וועד"ז -

------------

37) ישעי' נח, יג. וראה טור (ושו"ע אדה"ז) או"ח ר"ס רמב. 38) ראה לקו"ת ר"ה נח, א. 39) ראה לקו"ת שם. תבוא מא, ג. עט"ר בתחלתו. 40) פ"ב.

ועד"ז בנדו"ד: ר"ח סיון איז כולל אין זיך דעם טאג פון מ"ת, ד.ה. אז אין ר"ח סיון שטייט מ"ת ווי דאס איז בשרשו, און דערנאך אויך ווי מ"ת געפינט זיך במקומו, אין ו' סיון - ווערט ער אויך אנגעפירט פון ראש חודש סיון.

און ע"פ האמור לעיל בנוגע צו שבת מברכים החודש - איז פארשטאנדיק, אז אין דעם שבת מברכים וואס בענטשט און גיט כח צו דעם ראש חודש - שטייען די ענינים פון מ"ת אין נאך א העכערן אופן ווי דאס איז אפילו בראש חודש.

י. לכאורה איז דאס אבער אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ווי איז שייך זאגן העכער פאר מהן תורה:

ס'איז ידוע די אלע הפלאות פון מ"ת, ביז אז מ'זאגט אז דאס איז דער "יום הששי", מיט א ה"א הידיעה, פון מעשה בראשית[41] - איז ווי קען מען זאגן אז ראש חודש סיון איז נאך העכער פאר מ"ת, און שבת מברכים החודש סיון איז נאך העכער?!

איז דער ביאור אין דעם פארשטאנדיק ע"פ דעם משל הנ"ל פון ראש און אברי האדם:

די חיות פון די אברי האדם ווי זיי זיינען נכלל בראש האדם איז באין ערוך העכער לגבי ווי ער איז בכל אבר במקומו בפ"ע.

וואס ס'איז טאקע דא א מעלה אין חיות האברים ווי דאס שטייט אין די אברים כל אחד במקומו, וואס דעמולט פירט זיך דורך די כוונה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים, ווארום דוקא זייענדיק כל אחד במקומו זיינען די אברים פועל פעולתם אין וועלט - ס'איז דא דער פה המדבר דברי תורה, ביז צו "כל עצמותי תאמרנה"[42] -

אבער דאס האט ניט אין זיך די מעלה ווי די ענינים שטייען בשרשם, וואס דארטן איז די תורה אין א אופן פון "ואהי' שעשועים גו' לפניו"[43],

ועד"ז קומט דאס ("ואהי' שעשועים גו' לפניו" שבתורה) אראפ אויך אין דעם אדם למטה, וואס ער איז "אדמה לעליון"[44] - אז ווי די חיות האברים פרטיים שטייען בשרשם בהראש, נאך ניט א פה המדבר דברי תורה, און "כל עצמותי תאמרנה", זיינען זיי אין אן אופן פון תענוג, ביז ווי מ'געפינט בא

- דוד -

---

41) שבת פח, א ובפרש"י שם. וראה פרש"י עה"פ בראשית א, לא. 42) תהלים לה, י. וראה תניא פל"ז (מז, א). 43) משלי ח, ל. 44) של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ.

דוד המלך [וואס זיין יארצייט איז בעצרת[45] אז ער ווערט אנגערופן "עדינו העצני"[46], ווארום "כשהי' יושב ועוסק בתורה הי' מעדן עצמו כתולעת"[47],

וואס דאס האט אין זיך נאך א העכערן עילוי לגבי ווי די חיות האברים שטייען כל אחד במקומו, און ס'איז דא דער פה המדבר דברי תורה, און "כל עצמותי תאמרנה".

און כאטש אז נאך דערויף וואס די חיות האברים קומען ארויס פון ווי זיי שטייען בראש, און זיי קומען אן כל אחד במקומו - איז בא זיי דא דער ענין פון "ומתלמידי יותר מכולן"[48] - איז מען אבער דא גופא מדגיש אז דאס איז "מתלמידי".

און ווי הויך די ענינים פון מ"ת שטייען אין ראש חודש סיון - שטייען זיי נאך העכער אין שבת מברכים ר"ח סיון, כמדובר לעיל אז דער מברך איז אלעמאל העכער פאר דעם מתברך.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין דעם שבת וואס איז מברך (ראש) חודש סיון - שטייט דער ענין פון מ"ת באופן נעלה ביותר, נאך העכער ווי דאס איז בר"ח סיון און בזמן מ"ת.

יא. נוסף צו דעם קשר הנ"ל צווישן דעם וואס דער שבת איז שבת מברכים חודש סיון און דער שבת נאך ל"ג בעומר, אז אין דעם שבת שטייט דער ענין פון מ"ת, און דער ענין פון ל"ג בעומר, "תורהו אומנתו" (פון רשב"י), באופן נעלה ביותר, העכער אפילו ווי דאס איז במ"ת און בל"ג בעומר עצמו -

קומט צו נאך א נקודה וואס פארבינדט זיי נאך מער:

ווי דערמאנט פריער (ס"א) איז ל"ג בעומר בקביעות שנה זו געווען ביום הראשון בשבוע, וואס יום ראשון בשבוע האט א שייכות מיוחדת מיט שבת (נוסף להאמור לעיל אז ס'איז "נעוץ סופן בתחלתן ותחלתן בסופן"):

עס שטייט אין מדרש[49] אז דאס וואס עס שטייט ביום הא' פון מע"ב "ויהי ערב ויהי בקר יום אחד"[50] (ניט "יום ראשון"[51]) - איז דערפאר וואס "בו הי' הקב"ה יחידי בעולמו, שלא הי' בעולמו אלא הוא".

וואס דער ענין איז פארבונדן און קומט ארויס בגלוי - ובהדגשה -

------------

45) ירושלמי חגיגה פ"ב ה"ג. רות רבה פ"ג, ב. 46) ש"ב כג, ח. 47) מו"ק טז, סע"ב. 48) ל' חז"ל - תענית ז, א.
49) ב"ר פ"ג, ח. הובא בפרש"י עה"פ בראשית א, ה.
50) בראשית שם. 51) פרש"י שם. מהרז"ו לב"ר שם.

ובהדגשה ביום השבת (און ניט אין שאר ימות השבוע), ווארום שבת איז ניט פארבונדן מיט עניני העולם, ווי ימות החול, שבת איז פארבונדן מיטן בורא העולם, ובלשון הכתוב "שבת לה׳".

ועד"ז דריקט זיך דאס אויס אין הנהגת האדם ביום השבת:

בימות החול איז ער פארבונדן מיט עניני העולם; משא"כ ביום השבת איז ער פארבונדן מיטן אויבערשטן, "שבת לה׳" - ד.ה. אז ער איז פארבונדן מיט ענינים פון דעם אויבערשטן, תורה ומצוות.

און וויבאלד אז "בשבילי נברא העולם", ביז אז "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם"[52] - איז ע"ד ווי הנהגת האדם איז באופן אחר ביום השבת לגבי ימות החול, עד"ז איז אויך דער עולם אליין באופן אחר ביום השבת לגבי ימות החול:

דער צ"צ איז מבאר אין סהמ"צ[53] (בשם פון דעם אלטן רבי׳ן) אז פון ערב שבת אחר חצות ומעלה ווערט נתעלה גשמיות העולם, און דערפאר איז ניטא אין אכילת שבת דער ענין פון בירור טוב מרע, ווי דער דין איז אז בורר איז אסור בשבת:

אכילה בימות החול איז כוונתה לברר בירורים, כמ"ש[54] "ובטן רשעים החסר", ד.ה. צו מברר זיין די ניצוצות וואס געפינען זיך אין די קליפות, וואס זיי ווערן אנגערופן "רשעים", און דורך דערויף פועל׳ן דארט דעם ענין פון "החסר".

אבער אכילת שבת איז אין אן אופן פון "צדיק אוכל לשובע נפשו" (ווי התחלת הכתוב) - ניט בכדי לברר בירורים, נאר אכילה אין אן אופן פון העונג, וואס "לשובע" איז דער ענין התענוג, כידוע דער חילוק צווישן "ואכלת" און "ושבעת".

ובלשון הזהר[55] "פרש חגיכם קאמר ולא פרש שבתכם": אין יו"ט איז דא דער ענין פון "פרש", משא"כ ביום השבת איז ניטא דער ענין פון "פרש", און דערפאר איז אכילת שבת ניט בכדי לברר בירורים, נאר "צדיק אוכל לשובע נפשו".

יב. יעדער ענין איז אויך דא אין נגלה דתורה:

ס׳איז דאך ידוע דער גודל הענין פון הכנסת אורחים, ביז אז "גדולה הכנסת אורחין מהקבלה פני שכינה"[56];

אבער אין דעם חיוב המצוה פון הכנסת אורחים זיינען דא חילוקים:

- ביו"ט -

------------

52) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 53) מצות לא תבערו אש (דרמ"צ צ, א ואילך). וראה גם בהנסמן בלקו"ש בשלח תשל"ז הע׳ 47, 51. 54) משלי יג, כה. 55) ח"ב פח, ב. 56) שבת קכז, א.

ביו"ט איז מען מחוייב צו גיין זוכן אן אורח אפילו אויב ער קומט ניט צוגיין אליין, "כשהוא אוכל ושוהה (ביו"ט) חייב להאכיל לגר ליתום ולאלמנה עם שאר העניים האומללים וכו׳ כמ"ש[57] ושמחת . . אתה . . והלוי אשר בשעריך והגר והיתום והאלמנה אשר בקרבך", ביז אז ס׳איז דא די אזהרה מיוחדת און גודל ההבהלה אין דעם אז מ׳דארף זוכן אן אורח, ווי דער רמב"ם פסק׳נט אפ אין ספרו יד החזקה[58] (און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ בשו"ע שלו סוף הל׳ יו"ט[59]);

משא"כ ביום השבת איז דער עני׳ן פון הכנסת אורחים טאקע א גוטע און א גרויסע זאך - ס׳איז אבער ניטא קיין חיוב בזה, מען איז ניט מחוייב גיין לויפן און זוכן אן אורח אויב ער קומט ניט צוגיין אליין

- אברהם אבינו איז געגאנגען זוכן אורחים, ווארום ער איז געווען מדת החסד; אבער דאס איז ניט קיין חיוב על כאו"א - אויב ס׳איז דא אן אורח שבת דארף מען אים נעמען, אויב אבער ס׳איז ניטא קיין אורח, דארף מען ניט גיין זוכן.

און דער ביאור החילוק צווישן שבת און יו"ט איז מובן ע"פ האמור לעיל[60]:

וויבאלד אז "פרש חגיכם קאמר" - דארף מען האבן א זהירות און באווארעניש מיוחדה אין דער אכילה פון יו"ט, אז דאס זאל זיין מיט אורחים;

משא"כ בשבת וואס אין אים איז ניטא קיין "פרש" דארף מען ניט האבן די זהירות.

פון דעם וואס ס׳איז ניטא קיין חיוב צו זוכן אורחים בימות החול איז קיין ראי׳ ניט - ווארום סעודת חול האט קיין חשיבות ניט אלס א סעודה[61]; משא"כ בנוגע צו סעודת יו"ט ושבת איז דארטן דא די נפק"מ, ווארום די סעודות דעמולט האבן א חשיבות.

יג. מהמבואר לעיל איז פארשטאנדיק אז ביום השבת שטייט די גאנצע וועלט אין עלי׳ לגבי ווי די וועלט איז בימות החול.

און דערפאר, בשעת איינער עסט "וועלט" ביום השבת, ד.ה. אז ער עסט וועלטישע זאכן - איז דאס ניט קיין עני׳ן פון מברר זיין בירורים, נאר דאס איז א העכערע דרגא אין אכילה, אן אכילה וואס איז פארבונדן נאר מיט תענוג, דער עני׳ן פון

- "צדיק -

---

57) ראה טז, יא. 58) הל׳ יו"ט פ"ו הי"ח. 59) סתקכ"ט סי"א. וראה זח"ב שם. 60) ראה תו"א ר"פ חיי שרה. סידור רג, ג-ד. 61) ביצה ב, ב ובפרש"י.

"צדיק אוכל לשובע נפשו", וואס "לשובע" איז דער עניין התענוג, כנ"ל, בדוגמא ווי עס וועט זיין לע"ל, אין דעם "יום שכולו שבת ומנוחה"[62], וואס דעמולט וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[63].

וואס דאס איז ווי דער עניין אז שבת איז פארבונדן נאר מיט דעם אויבערשטן ("שבת לה׳"), דריקט זיך אוים אין וועלט, נוסף צו דעם ווי דאס איז אין הנהגת האדם, און ווי דאס איז בא דעם אויבערשטן, כנ"ל.

און מכל זה איז פארשטאנדיק דער קישור מיוחד צווישן שבת מיט יום הראשון בשבוע (בקביעות שנה זו - ל"ג בעומר), וואס ער ווערט אנגערופן "יום אחד", "שבו הי׳ הקב"ה יחידי בעולמו" - ווארום אין יעדע פון זיי איז מודגש דער עניין פון "הקב"ה יחידי בעולמו".

יד. דער עניין פון "יום אחד" האט א שייכות מיוחדת אויך מיט ענינו פון ל"ג בעומר, וואס קומט אוים בשנה זו ביום הראשון ("יום אחד"), און ווערט נתעלה אין דעם שבת (וואס אויך אין אים איז מודגש דער עניין פון "יום אחד" (כנ"ל בארוכה)):

רשב"י האט אויף זיך געזאגט[20] "ראיתי בני עלי׳ והן מועטין" און "אם חד הוא אנא הוא", שנאמר "וצדיק יסוד עולם".

וואס דאס איז מדגיש די שייכות פון רשב"י, דער בעל ההסתלקות והילולא פון ל"ג בעומר, מיט דער עניין פון "אחד", בדוגמא ווי "יום אחד".

עד"ז האט רשב"י געזאגט אויף זיך אין דער אדרא בשעת הסתלקותו[64] "בחד קטירא אתקטרנא בי׳ בקוב"ה . . בי׳ אחידא בי׳ להיטא בי׳ אתדבקת", וואס דער עניין פון "בי׳ אחידא" איז אויך מדגיש דעם עניין פון "אחד".

עד"ז איז מודגש דער עניין פון "יום אחד" אין חג השבועות זמן מתן תורתנו (וואס דער שבת איז מברך חודש סיון, און מ"ת), ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין די הוספות צו תו"א[65] דאס וואס דוקא חגה"ש איז יום אחד, ווארום חגה"ש איז פארבונדן מיט אחדות ה׳, כמבואר שם.

טו. פון יעדער עניין דארף מען ארויסנעמען א׳ הוראה בפועל,

- ובלשון -

---

62) מס׳ תמיד בסופה. 63) זכרי׳ יג, ב. 64) זח"ג רפח, א. רצב, א. 65) קט, סע"ד ואילך. וראה אוה"ת בראשית יד, א; עד, א (בנדו"ד).

ובלשון החסידות[66] - א "בכך", מיוסד אויף דער משנה אין אבות[67] "המעשה הוא העיקר" -

דארף מען וויסן למאי נפק"מ און מאי ביניי‏הו מכל האמור לעיל בנוגע לפועל.

איז די הוראה בנוגע לפועל:

מ׳קומט דאך איצטער פון ל"ג בעומר,

וואס באמת גייט מען גאר ניט אוועק פון ל"ג בעומר, ווארום דער ענין פון ל"ג בעומר דארף כסדר נמשך ווערן, ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[68] אז עס דארף זיין דער "קשה עלי פרידתכם"[69];

ס׳איז דאך אבער פארט אינו בדומה ווי דער ענין פון ל"ג בעומר איז איצטער לגבי ווי דאס איז געווען אין דעם טאג פון ל"ג בעומר עצמו -

זאגט מען אז אין דעם אינו בדומה גופא זיינען פאראן דרגות, ביז אז דער שבת האט א שייכות מיוחדת מיט ל"ג בעומר מערער פאר שאר הימים, ווארום אין דעם שבת ווערן נתעלה אלע ענינים פון ל"ג בעומר בתכלית העילוי, ביז אין אן אופן פון תענוג.

וואס דערפון האט מען די הוראה, אז אין די אלע החלטות טובות וואס מ׳האט כחליט געווען און אנגענומען אויף זיך אין עניני תומ"צ, בל"ג בעומר, און אין ימים שלפניו ושלאחריו - איז אין דעם שבת וואס אין אים ווערן נתעלה אלע ענינים פון ל"ג בעומר, דארף מען נאך מער מוסיף זיין אין די החלטות.

ועד"ז דארף מען אין דעם שבת אנעמען נייע החלטות, סיי אויף היינט, און סיי אויף ר"ח, און סיי אויף זמן מתן תורתנו, ווארום דער שבת איז מברך ר"ח מיט אלע ו׳ לשונות ביז מ׳זאגט "ונאמר אמן", וואס ו׳ איז כולל אין זיך זמן מתן תורתנו.

און די החלטות דארפן זיין ניט נאר אנהויבנדיק פון ר"ח - נאר אויך אין די טעג ביז ר"ח, ווארום אויך זיי ווערן געבענטשט פון דעם שבת וואס "מיני׳ מתברכין כולי - יומין" -

---

66) ראה ד"ה על כן יאמרו המושלים הרצ"א פ"ח-ט (סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א ואילך). ד"ה וירדה ה׳ש"ת פ"ד (סה"מ ה׳ש"ת ע׳ יא). ד"ה אד"א כל העוסק בתורה לשמה תש"א פ"ד (סה"מ תש"א ע׳ 57). ובכ"מ. 67) פ"א מי"ז. 68) שיחת ש"פ אמור, י"ז אייר. 69) פרש"י עה"פ אמור כג, לו. פינחס כט, לו.

יומין"[70].

און וויבאלד אז מ׳נעמט אן די הוספה אין די פריערדיקע החלטות און די נייע החלטות ביום השבת - איז דאס אלץ מתוך תענוג, און החלטות אמיתיות מתוך תענוג אמיתי - ווארום שבת איז ענינה התענוג, "וקראת לשבת עונג", און בשבת זאגט דאך דער ירושלמי[71] אז אפילו אן ע"ה איז ניט משקר, ווארום שבת איז אמת.

און וויבאלד אז די החלטות מאכט מען מתוך תענוג אמיתי - וועט דאס מצליח זיין באופן נעלה ביותר, אן שוועריקייטן, ווי מ׳זעט דאס במוחש, אז בשעת מ׳טוט א זאך וואס אין דערויף האט מען תענוג - איז דאס ניט קיין טירחא בא דעם מענטשן, ווארום ער איז זיך מתענג אין דער זאך,

ואדרבה - וויבאלד אז ער האט תענוג אין דעם, דארף מען זיך בכלל ניט משהדל זיין אז עד זאל דאס וועלן, ווארום ער וויל וואס מערער פון דעם מצ"ע.

טז. די החלטות האמורות דארפן זיין פארבונדן במיוחד מיט ל"ג בעומר און מיט רשב"י, וואס ענינו איז געווען "תורתו אומנתו" - ד.ה. החלטות בענין לימוד התורה.

ועד"ז החלטות אויך בנוגע צו טאן מיט א זולת,

ווי רשב"י האט באוויזן די וועג, אז גלייך ארויס-גייענדיק פון מערה, נאכן אפזיצן דארטן י"ב שנה מיט נאך א יאר[72] - איז ער געגאנגען זיך נאכפרעגן "איכא מילהא דבעי לתקוני", צי איז עפעס דא נאך אן ענין אין וועלט וואס מ׳דארף מתקן זיין, וועט ער דאס מתקן זיין[73], און ער האט דעמולט אויפגעטאן מעין דעם ענין פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ" וואס וועט זיין לע"ל.

וואס דערפון נעמט מען ארויס די הוראה פאר כאו"א - אז אזוי ווי רשב"י האט אויפגעפענט די וועג פאר אלע דורות לאח"ז אז ב׳דארף זוכן א זאך אין וועלט וואס מ׳דארף מתקן זיין, און דאס מתקן זיין בפועל - עד"ז ווערט יעדער איינער א טופח ע"מ להטפיח, און ער גייט אליין (און פועל׳ט אויף אנדערע זיי זאלן גיין) זוכן א זאך אין וועלט וואס מ׳דארף מתקן זיין, און דאס מתקן זיין בפועל.

און וויבאלד אז א רבים טוען אין דעם - ווערט א תפלה און בקשת רבים אז מ׳זאל האבן הצלחה אין לימוד התורה און

- אין -

------------

70) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 71) דמאי פ"ד ה"א בתחלתה.
72) שבת לג, ב. 73) שם סע"ב ואילך.

אין קיום המצוות, און אין הפצת-התורה, כולל הפצת המעיינות.

און דאס ברענגט די תפלה און בקשת און תביעת רבים, אז עס זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה,

וואס דאס וועט דורך דערויף וואס ס'איז דא דער "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס דאס ברענגט "אתי מר" דא מלכא משיחא[74],

און ער וועט בלמד זיין "את כל העם כולו" פנימיות התורה[75], ווי רש"י זאגט אין שה"ש[76] אז משיח וועט לערנען רזי ורזי דרזין דאורייתא, ובלשון פון רש"י "סוד טעמי' ומסתר צפונותי'",

במהרה בימינו ממש.

* * *

יז. דער שבת נאך ל"ג בעומר און שבת מברכים חודש סיון קען דאך אויסקומען בבכה סדרות, און בשנה זו קומט ער אויס אין פ' בהר-בחוקותי,

וע"פ תורת הבעש"ט[77] אז פון יעדער פרט דארף מען ארויס-נעמען א הוראה בעבודת ה' לבוראו - דארף מען אויך ארויס-נעמען א הוראה פון דעם וואס דער שבת איז פ' בהר-בחוקותי.

וואס אע"פ אז פ' בהר און פ' בחוקותי זיינען צוויי באזונדערע סדרות, ובבכה שנים לייענט מען זיי באזונדער - איז אבער בשעה זיי קומען צוזאמען כבשנה זו, ווערן זיי איין פרשה - פ' בהר-בחוקותי.

און ניט כמנהג תימן אז ווען צוויי פרשיות זיינען מחוברות לייענט מען ביז נאך רביעי אין דער ערשטער פרשה, בנדו"ד - ביז סוף פ' בהר, און פון חמישי און ווייטער - פון התחלת פ' בחוקותי,

נאר ווי מ'פירט זיך דא, איז רביעי כולל סוף פ' בהר און דאס ציט זיך אריין אין התחלת פ' בחוקותי,

ביז אז דער עולה לתורה צו רביעי מאכט א ברכה לפני' ולאחרי' אויף רביעי וואס איז כולל אין זיך סוף פ' בהר און ההתחלת פ' בחוקותי צוזאמען[78].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א הוראה

- פון -

------------

74) ראה אגה"ק דהבעש"ט - נדפסה גם בריש ספר כש"ט (הוצאת קה"ת). 75) ראה לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 76) א, ב. 77) כש"ט הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 78) בכ"ז - ראה לקו"ש מטו"מ תשל"ח ס"ג ובהנסמן שם בהע' 24-25.

פון פ׳ בהר בפ"ע, און א הוראה פון פ׳ בחוקותי בפ"ע, און דערנאך איז דא א הוראה פון פ׳ בהר און פ׳ בחוקותי צוזאמען.

וע"פ הורת הבעש"ט געבראכט דורך דעם אלטן רבי׳ן[79], אז דער שם פון א זאך גיט ארויס דעם תוכן פון דער זאך - איז פארשטאנדיק, אז כאטש די צוויי סדרות זיינען צוויי סדרות בשלימות מיט כו"כ ענינים, איז אבער דער תוכן פון דער גאנצער סדרה (עכ"פ אן ענין עיקרי פון דער סדרה) גיט זיך ארויס אין איר נאמען.

ובמילא קען מען ארויסנעמען די הוראות פון די צוויי סדרות פון זייערע נעמען.

יח. דער נאמען "בהר" גייט אויף "הר סיני" (ווי ער איז גלייך דערנאך ממשיך אין פסוק).

וואס אין "הר סיני" זיינען דא דריי אופנים ווי מ׳רופט דאס אן:

א) אמאל רופט מען אים אן "הר סיני", ווי דער לשון הפסוק דא אין ר"פ בהר, ועד"ז אין סוף פ׳ בחוקותי.

ב) אמאל רופט מען אים אן "סיני", ווי דער לשון המשנה הראשונה אין פרקי אבות - "משה קבל תורה מסיני".

וואס כאטש אז משה האט מקבל געווען כל התורה "בסיני", כולל אויך "פרטיהן ודקדוקיהן", ווי רש"י ברענגט בר"פ בהר[80], און רש"י נוצט דעם לשון "מה ענין שמיטה אצל הר סיני" - פונדעסטוועגן איז דער לשון אין פרקי אבות "משה קבל תורה מסיני" (אן דעםווארט "הר").

ג) אמאל רופט מען אים אן "הר", ווי דער נאמען פון אונזער פרשה איז "בהר" אן דעם ווארט "סיני", כמנהג ישראל.

וואס אע"פ אז דער טעם בפשטות פארוואס א נזער פרשה ווערט אנגערופן נאר מיט דעם ווארט "בהר" (און ניט "בהר סיני"), איז דערפאר וואס אלע פרשיות האבן נאר איין ווארט אלס נאמען,

[וואס דאס איז קיין סתירה ניט דערצו וואס אנדערע רופן אן פ׳ ברכה, "וזאת הברכה" (צוויי ווערטער)[81], ווארום מ׳געפינט אין לקו"ת (ועד"ז בכ"מ) אז זי ווערט אנגערופן נאר בשם "ברכה"] -

- איז -

---

79) שעהיוה"א בתחלתו. 80) וראה לקו"ש בהר תשל"ו בשוה"ג להע׳ 2. 81) רמב"ם הל׳ תפלה פי"ג הי"ב. סדר הפלוה כל השנה בסופן. סידור רסג, רע"ג. ועוד.



הנהת הת׳ בלתי מוגה

איז אבער דערפון גופא וואס די פרשה ווערט אנגערופן ע"פ מנהג ישראל וואס "תורה הוא"[82], מיט דעם אייך נאמען "בהר" – איז פארשטאנדיק, אז אין דערויף איז אויך דא א הסברה ובמילא – א הוראה.

ועד"ז זיינען דא הוראות פון די אנדערע צוויי אופנים אין "בהר סיני" – "בהר סיני", און "סיני" (און "בהר").

יט. והביאור בזה:

בשעת מ׳זאגט "בהר סיני" איז מען מדגיש דעם ענין וואס הר סיני איז געווען "מכיך מכל טוריא"[83]: ד.ה. ער איז טאקע א הר, אבער ביחד עם זה איז ער "מכיך מכל טוריא", וואדום "הר תבור" און "הר הכרמל" זיינען "הרים גבנונים", משא"כ "סיני" איז "שפל" מכולם[84], ד.ה. וואו נאר א הר – איז הר סיני נידעריקער פאר אים.

בשעת מ׳זאגט "סיני" (און "בהר") איז דאס מדגיש דעם ענין פון שפלות אליין.

בשעת מ׳זאגט "בהר" (און "סיני") איז דאס מדגיש דעם ענין פון הגבהה אליין.

וואס לכאורה איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

דאס וואס מ׳זאגט "בהר סיני" איז פארשטאנדיק: פון איין זייט דארף טאקע זיין דער ענין השפלות, "מכיך מכל טוריא" ("סיני"), אבער ביחד עם זה דארף זיין דער ענין פון "שמיניה שבשמיניה"[85] ("הר"),

וכמבואר אין ספרי מוסר, און עד"ז איז מובן מהמבואר אין די מאמרים קצרים פון דעם אלטן רבי׳ן[86], און דערנאך אין תו"א[87], דער טעם לזה, בכדי אז מ׳זאל ניט זיין כאסקופה הנדרסת, וכמבואר אין מפרשי ש"ס[88], אז די מדה פון "שמינית שבשמינית" איז געווען א מדה קטנה בימים ההם.

ועד"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס מ׳זאגט "סיני" אליין, דער ענין פון שפלות אליין, ווי די צווייטע דעה אין גמרא דארפן אז אויך "שמינית שבשמינית" דארף ניט זיין, נאר "לא

— מינה —

------------

82) ראה תוד"ה נפסל – מנחות כ, ב. 83) ראה לקו"ת במדבר טו, סע"ב ואילך. וראה היב"ע עה"פ שופטים ה, ה. תהלים סח, יז. 84) ראה מדרש תהלים (באבער) עה"פ סח, יז. 85) ראה סוטה ה, א. 86) מאמרי אדה"ז (הנחות הר"פ) ס"ע יב ואילך. 87) מג"א צא, ב. הוספות שם קיט, ג ואילך. 88) ראה פרש"י ד"ה אחד משמונה בשמיניה – סוטה שם.

מינה ולא מקצתה", וואס דער טעם לזה איז אז "איך אני והוא יכולין לדור בעולם"[89].

אבער ווי קען מען זאגן דעם ענין פון "בהר" אליין (אן "סיני") - ווי קען זיין נאר דער ענין פון הגבהה, ס'איז דאך "איך אני והוא יכולין לדור בעולם"?!

כ. איז דער ביאור בזה, אז אמאל דארף אויך זיין אזא עבודה וואס באשטייט נאר פון הגבהה:

די גמרא[90] זאגט אז "כל ישראל בני מלכים הם", און אין תקו"ז[91] שטייט נאכמער - אז אידן ווערן אנגערופן "מלכים הם".

וואס די הנהגה פון א מלך איז אין אן אופן פון "ואתהלכה ברחבה"[92], ביז אז א "מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול"[93] (ניט ווי אן "אב שמחל על כבודו" וואס "כבודו מחול"[94]), וואס דאס איז אויך דער ענין פון "מאן מלכי רבנן"[95].

ובעבודת האדם בפועל:

וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין גלות, דארף דאך לכאורה זיין דער ענין פון "אל תתגרה בגוי קטן"[96] ועאכו"כ "בגוי גדול", און "דינא דמלכותא דינא"[97] -

זאגט כ"ק מו"ח אדמו"ר[98] אז די נשמה איז קיינמאל ניט געגאנגען אין גלות, און דערפאר ווען עס קומט צו אן ענין אין אידישקייט איז ניטא דער ענין פון "דינא דמלכותא דינא"[99], ניטא דער ענין פון "אל התגרה".

און וויבאלד אז אידן זיינען "מלכים" איז "מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול":

בא א מלך איז טאקע דא דער ענין הביטול, אבער ווען עס קומט צו אן ענין וואס רירט אן אין כבודו של המלך - איז "אין כבודו מחול", ער דארף זיך שטעלן בכל התוקף דאס ניט דערלאזן!

ווארום כבוד המלך איז פארבונדן מיטן כבוד פון מלך מלכי המלכים הקב"ה, און מיט כבוד התורה - איז בשעת מ'רירט אן זיין כבוד רירט מען אן דעם כבוד פון תורה און דעם כבוד פון דעם אויבערשטן אליין!

- וואס -

---

89) סוטה שם. 90) שבת סז, א. 91) בהקדמה (א, ב). 92) ל' הכתוב - תהלים קיט, מה. 93) קידושין לב, א. רמב"ם הל' מלכים פ"ב ה"ג. 94) קידושין שם, סע"א. 95) ראה גיטין סב, סע"א. 96) ראה פסחים קיג, א. 97) גיטין י, ב. וש"נ. 98) לקו"ד כרך ד תרצב, א-ב. 99) ראה אנציקלופדי' תלמודית בערכו ס"ג (ע' ש). וש"נ.

וואס דערפאר איז יעדער איד, וואס ער איז א "מלך", טאר ניט מוחל זיין אויף זיין כבוד ווען עס קומט צו אן ענין פון אידישקייט, און בנוגע צו דעם ענין פון אידישקייט איז ער קיינמאל ניט געגאנגען אין גלות, במילא דארף ער ניט און טאר זיך ניט רעכענען מיט קיין "דינא דמלכותא דינא", און מיט "אל תתגרה".

און ווען ס'קומט צו אן ענין וואס דער איד דערהערט אז דאס רירט אן זיין התקשרות מיט אידישקייט, און זיין התקשרות מיטן אויבערשטן - איז "אפילו קל שבקלים ופושעי ישראל מוסרים נפשם על קדושת ה'", ווי עס שטייט אין תניא[100], וואס מס"נ איז דער גרעסטער "ואתהלכה ברחבה" וואס קען נאר זיין.

כא. און די הנהגה פון א אידן אין אן אופן פון "ואתהלכה ברחבה" מיט דער גאנצער ברייטקייט, איז קיין סתירה ניט דערצו וואס עס דארף זיין דער ענין הביטול -

ווי דער רמב"ם[101] ברענגט בנוגע צו מלך יהושפט, אז "אפילו לתלמיד חכם הי' עומד מכסאו ומנשקו וקורא לו רבי ומורי", ד.ה. א הנהגה אין אן אופן פון ביטול,

אבער ווען איז דאס געווען, נאר בצנעא ווען דאס האט ניט אנגערירט דעם ענין המלכות, ווי דער רמב"ם איז דארטן ממשיך: "במה דברים אמורים בזמן שיהי' המלך בביתו לבדו הוא ועבדיו יעשה זה בצנעה, אבל בפרהסיא בפני העם לא יעשה, ולא יעמוד מפני אדם כו'", ווארום ווען עס רירט אן דעם ענין המלוכה דארף די הנהגה זיין אין אן אופן פון "ואתהלכה ברחבה", וואס דאס איז א נקודה עיקרית אין הנהגת המלוכה.

וואס אין דערויף איז אויך באשטאנען דער חילוק צווישן שאול מיט דוד, וואס בא שאול איז געווען "באחת" און דאס האט שוין גורם געווען אז "עלתה לו", משא"כ בא דוד איז געווען "בשתים" און פונדעסטוועגן "לא עלתה לו"[102] - ווארום בא שאול איז דער "אחת" געווען אן ענין וואס האט אנגערירט זיין מלכות, אז ער האט זיך געפירט היפך פון ברייטקייט ווי א מלך דארף זיך פירן דורך נאכגעבן דעם עם, האט דאס גורם געווען אז "עלתה לו", משא"כ די "שתים" בא דוד זיינען ניט געווען אין דעם ענין המלכות, איז "לא עלתה לו".

כב. וואס דאס איז די הוראה פון "בהר" אליין (אן דעם

- ווארט -

---

100) ספי"ח. וראה גם שם פכ"ה. 101) הל' מלכים שם ה"ה.
102) יומא כב, ב.

ווארט "סיני"), אז ווען עס קומט צו אן ענין פון אידישקייט, וואס רירט אן אין דעם וואס אידן זיינען "מלכים" - דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון "וההלכה ברחבה", מ'דארף גיין ווייטער און ניט נתפעל ווערן פון קיין זאך, ניט פון "דינא דמלכותא דינא", ניט פון "אל תתגרה" - נאר מ'דארף גיין און מקיים זיין דאס וואס אידישקייט מאנט.

וואס דא איז ניט דער פירוש אז ער גייט בכוונה מגרה זיין דעם גוי, און בכוונה היפך דעם ענין פון "דינא דמלכותא דינא" - נאר ער גייט ווייל ער איז א איד וואס דארף מקיים זיין דעם רצון פון אויבערשטן, און בכדי דאס צו דורכפירן שטעלט ער זיך ניט אפ פון קיין זאך.

וע"ד ווי דאס איז געווען בא אברהם אבינו, וואס ער האט אויפגעפענט די וועג פאר אלע אידן:

בשעת ער איז געגאנגען צו דער עקידה דורכצופירן רצון הקב"ה, און ס'איז געווארן א נהר בדרך[103], איז ניט אז אברהם איז געגאנגען אין דעם נהר בכדי צו אנרייצן דעם שטן וכיו"ב - נאר ער איז געגאנגען אין דער וועג וואו דער אויבערשטער האט געוואלט ער זאל גיין, "אל המקום אשר אמר לו האלקים"[104], איי ס'איז דא א נהר באמצע, וועט זיך דאס מסתמא שפאלטן, האט ער געטראכט, וזארום ער איז דאך א "הר" - ער גייט אויספירן דעם רצון פון דעם אויבערשטן!

כג. וואס די הנהגה אין אן אופן פון "בהר", "וההלכה ברחבה" איז טאקע ניט אלעמאל דער אופן ווי מ'דארף זיך פירן,

ווי לדוגמא בא מ"ת האט געדארפט זיין "משה קבל תורה מסיני", נאר די הנהגה פון "סיני", ביטול, אן דעם ענין פון "בהר" - ווארום בשעת משה האט מקבל געווען די תורה האט ער געדארפט זיין בתכלית הביטול.

ביז אז "והאיש משה ענו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה"[105], ביז אויך פאר גוים, ווי דער פירוש פון דעם אלטן רבי'ן[106] אין דעם פסוק, אז "מכל האדם" איז כולל אויך גוים, וכמדובר אמאל בארוכה[107], בנוגע צו די צוויי גירסאות אין דער משנה אין פרקי אבות[108], "והוי שפל רוח בפני כל אדם", אדער ווי די צווייטע גירסא "בפני כל האדם", וואס דער חילוק ביניהם איז:

- אויב -

---

103) תנחומא וירא כב. 104) וירא כב, ג. 105) בהעלותך יב, ג. 106) סה"מ תקס"ב ע' נא. וראה גם תו"ח שמות קכ, ב. 107) ראה "התשובות וביאורים" סי"ב (ע' 59 ואילך). לקו"ש ה"ד ע' 1212 ואילך. וראה גם לקו"ש חי"ג ריש ע"ג 31 ובהע' 12* (ובשוה"ג) שם. 108) פ"ד מ"י.

אויב עס שטייט "אדם" (אן א ה"א) מיינט דאס נאר אידן, ווארום "אתם קרויין אדם"[109], משא"כ אויב עס שטייט "האדם", איז דאס כולל אויך גוים, ווי תוספות[110] זאגט.

ואע"פ אז בא משה האט געדאדפט זיין די הנהגה אין אן אופן פון ביטול לגמרי בשעת ער האט מקבל געווען די תורה, "משה קבל תורה מסיני", ועד"ז דארף זיין די הנהגה בכמה ענינים -

איז אבער בזמנים ומעמדים ומצבים מיוחדים דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון "בהר", מיט א תוקף און א ברייטקייט,

און איינע פון די זמנים איז, ווען מ'לייענט בתורה, מלשון הוראה[111], פ' בהר - וואס דעמולט דארף מען דערפון ארויסנעמען די הוראה אז די הנהגה דארף זיין אין אן אופן פון "בהר".

כד. דער נאמען "בחוקותי" גייט בפשטות אויף דעם סוג מצוות וואס זיינען חוקים.

וכידוע[112] אז אין מצוות זיינען דא דריי סוגים: משפטים, עדות און חוקים:

משפטים זיינען די מצוות וואס זיינען פארשטאנדיק ע"פ שכל, און ווי די גמרא[113] זאגט אז "אילמלא לא ניתנה תורה (ח"ו[114]) היינו למידין צניעות מחתול וגזל מנמלה וכו'".

עדות זיינען מצוות וואס זיינען ניט איינגאנצן ע"פ שכל, אבער דאס לייגט זיך אויך אין שכל צו טאן, ע"ד דער ענין פון זכר ליציאת מצרים, בכדי מ'זאל ניט זיין קיין כפוי טובה, וכיו"ב.

חוקים זיינען מצוות וואס זיינען איינגאנצן ניט ע"פ שכל, "חוקה חקקתי גזירה גזרתי"[115], ביז אז "אין לך רשות להרהר אחרי'"[116].

וואס לפ"ז איז איינגאנצן ניט פארשטאנדיק בנוגע צו "בחוקותי" בפרשתנו:

- גלייך -

------------

109) יבמות סא, רע"א. 110) ד"ה ואין - יבמות שם. 111) זח"ג נג, ב. 112) ראה גם ד"ה אם בחוקותי ה'ש"ת פ"ד (סה"מ ה'ש"ת ס"ע 90 ואילך). 113) עירובין ק, סע"ב. 114) ראה לקו"ש ח"ג ע' 890 הע' 12. 115) תנחומא חקת ג. שם, ח. במדב"ר פי"ט, א. שם, ח. 116) פרש"י ר"פ חקת. וראה גם מדרש תהלים (באבער) ט, ב.

גלייך בהמשך לזה וואס עס שטייט "אם בחוקותי תלכו וגו׳", שטייט[117] "ונתתי גשמיכם בעתם ונתנה הארץ יבולה וגו׳", מיט די אלע פרטים אין דעם שכר וואס מ׳באקומט אויב עס וועט זייך "בחוקותי תלכו", ביז צו שכר רוחני - "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם"[118], און "ואולך אתכם קוממיות"[119] -

איז דאס דאך א סתירה צו דעם גאנצן ענין און תוכן פון "בחוקותי": דא זאגט מען אז עס דארף זייך "בחוקותי", אז מ׳דארף מקיים זיין מצוות פון דעם אויבערשטן נאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן אן קיין שום טעם, "חוקה חקקתי גזירה גזרתי", ביז אז "אין לך רשות להרהר אחרי׳", און גלייך בהמשך לזה זאגט מען דעם גאנצן שכר וואס ער וועט באקומען אויב עס וועט זייך "בחוקותי תלכו", ד.ה. אז ער איז מקיים דעם "בחוקותי" דערפאר וואס ער וועט באקומען דעם שכר, און ניט דערפאר וואס "חוקה חקקתי גזירה גזרתי"?!

כה. איז דער ביאור בזה, אז היא הנותנת:

דער אויפטו פון א איד איז ניט נאר אז ער איז מקיים דעם סוג פון חוקים דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו", אן מאכן השבונות ע"פ שכל - נאר אז אויך די מצוות אין דעם סוג פון משפטים און עדות, וואס זיי לייגן זיך ע"פ שכל, איז ער אויך מקיים אין אן אופן פון חוקים[120],

ד.ה. ניט דערפאר וואס אזוי לייגט זיך ע"פ שכל, און דערפאר וואס אזוי איז דאס ביי א "חתול" אדער ביי א "נמלה" - נאר דערפאר וואס "חוקה חקקתי גזירה גזרתי", אן קיין שום הסברות ע"פ שכל, "אשר קדשנו במצותיו וצונו".

וואס דערפאר שטייט גלייך נאך "בחוקותי" "ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳" מיט דעם גאנצן שכר וואס מ׳וועט אויף דערויף באקומען -

ווארום דוקא בשעה מ׳זאגט צו דעם שכר וואס א איד וועט באקומען דורך דערויף וואס ער וועט זיך פירן אין אן אופן פון "בחוקותי תלכו", איז דאס מדגיש דעם אמת׳ן ענין פון "בחוקותי": ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס דער איד ווייסט אז ער וועט באקומען א שכר אויף זיין עבודה, "ונתתי גשמיכם בעתם גו׳" - איז ער ניט מקיים די מצוה צוליב דעם שכר, נאר צוליב דעם וואס דאס איז "בחוקותי", "חוקה חקקתי גזירה גזרתי" -

---

117) פרשתנו כו, ד. 118) שם, יב. 119) שם, יג.
120) ראה סה"מ קונטרסים ח"א קפ, א. ה׳ש"ת ס"ע 57. שם ע׳ 91. ובכ"מ.

גזרתי", ביז אז ער איז אפילו ניט מהרהר אחרי'.

ד.ה. אז מ'זאגט אן דעם אידן בפירוש: דו זאלסט וויסן זיין אז ס'איז דא א שכר וואס דו וועסט באקומען אויף דיין עבודה, אבער דו זאלסט בפירוש ניט מקיים זיין די מצוה צוליב דעם שכר, נאר צוליב דעם וואס אזוי האט דער אויבערשטער געהייסן.

כו. דערנאך גיט צו די פרשה אז מ'וועט ניט נאר באקומען דעם שכר פון "ונתתי גשמיכם בעתם וגו'", וואס דאס איז א שכר גשמי, נאר אויך יעודים רוחניים, "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם", וואס דאס איז דער תכלית השלימות פון אלע יעודים רוחניים. והביאור בזה:

דער רמב"ם איז מבאר אין הל' תשובה[121] אז דער גאנצער ענין פון שכר גשמי איז נאר צוליב דעם אז מ'זאל ניט האבן קיין בלבולים אין עבודת ה', אבער ניט אז ס'איז נוגע האבן דעם שכר; אמיתית ענין השכר זיינען די יעודים רוחניים.

איז בשעת מ'רעדט וועגן א איד וואס אים איז דער גאנצער ענין פון גשמיות ניט נוגע - איז ביי אים קיין אויפטו ניט אז ער וועט מקיים זיין "בחוקותי" ניט צוליב דעם שכר גשמי, "ונתתי גשמיכם בעתם וגו'", וואס מ'וועט אויף דעם באקומען, נאר צוליב דעם ציווי ה'.

וואו איז ביי אים מודגש די עבודה אין אופן פון "בחוקותי" - איז דאס דוקא ווען מ'זאגט אים אז ער וועט באקומען שכר רוחני, ביז צו דעם תכלית השלימות פון שכר רוחני, "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם" - און אעפ"כ זאל ער מקיים זיין די מצוה ניט צוליב דעם שכר, נאר דערפאר וואס "חוקה חקקתי גזירה גזרתי", צוליב דעם וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן.

וואס דערפאר איז ניט גענוג צו זאגן אין פ' בחוקותי נאר שכר גשמי, און עס איז אפילו ניט גענוג צו זאגן שכר רוחני וואס איז ניט דער שכר בתכלית השלימות - ווארום דאס איז כולל נאר אזוינע וואס ווערן נתפעל פון דעם שכר, און במילא איז בא זיי א חידוש אז ניט קוקנדיק אויף דעם שכר זיינען זיי מקיים די מצוה ניט צוליב דעם שכר, נאר צוליב דעם וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן טאן;

נאר מ'מוז אויך זאגן דעם תכלית השלימות פון שכר רוחני, "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם", וואס דאס איז דער ענין וואס א מצוה איז מלשון "צוותא וחיבור"[122] -

- און -

---

121) פ"ח. 122) לקו"ת פרשתנו מה, ג. ד"ה הנ"ל ה'ש"ת.



הנחת הת' בלתי מוגה

און פונדעסטוועגן זאגט מען דעם אידן אז אפילו אז דורך דער מצוה וועט ווערן א צוותא וחיבור צווישן אים מיטן אויבערשטן, איז ניט. צוליב דעם זאל ער מקיים זיין די מצוה, נאר צוליב דעם וואס דאס איז רצון ה'!

ובלשון הידוע [123] "אילו נצטוה להטוב עצים", וואס ער טוט גארניט אויף דערמיט, וואלט ער דאס אויך געטאן.

כז. דערנאך גיט צו די פרשה די עונשים וואס מ'וועט באקומען אויב מ'וועט ניט מקיים זיין "בחוקותי תלכו גו'".

וואס דאס איז נאכמער מדגיש דעם ענין פון "בחוקותי":

דער קיום המצוה דארף ניט נאר זיין ניט צוליב דעם העכסטן שכר רוחני וואס מ'וועט באקומען, ביז אפילו ניט צוליב דעם צוותא וחיבור וואס וועט ווערן צווישן אים מיטן אויבערשטן -

נאר אפילו ניט צוליב דעם שלילת העונש וואס מ'וועט באקומען אויב מ'וועט ניט מקיים זיין די מצוה.

וואס לכאורה אויף דעם קען דער איד טענה'ן:

מילא בנוגע צו דעם שכר, איז ער מוותר אויף דעם גאנצן שכר, און ער איז מקיים א מצוה נאר צוליב דעם וואס דאס איז דער רצון ה';

אבער בנוגע צו דעם העדר העונש - וויל ער ניט מוותר זיין, ווארום ס'איז דאך א דבר הכרחי אין עבודת ה' אז ער זאל ניט האבן קיינע עונשים, ווי דער רמב"ם שרייבט אז מ'דארף האבן גשמיות בכדי צו ניט האבן קיין בלבולים אין עבודת ה'!

זאגט מען אים אז אעפ"כ דארף זיין הנהגה זיין אין אן אופן פון "בחוקותי", און מקיים זיין א מצוה ניט טראכטנדיק אפילו וועגן דעם עונש וואס ער וועט באקומען צוליב העדר קיום המצוה.

כח. וואס דאס איז דער ענין פון "בחוקותי", אז דער איד לייגט אלץ אוועק-אויף א זייט, סיי שכר גשמי, סיי שכר רוחני, סיי אפילו דעם ענין פון עונשים רח"ל - און ער איז מקיים דעם רצון פון דעם אויבערשטן נאר צוליב דעם וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, "אשר קדשנו במצותיו וצונו", וואס "חוקה חקקתי גזירה גזרתי", און "אין לך רשות להרהר אחרי'".

- וואס -

---

123) לקו"ת שלח מ, א. וראה גם המשך תרס"ו ע' נד.

וואס דאס איז דער אמיתית הענין פון מס"נ, אז ניט נאר וואס ביי אים איז דא מסירת נפש און מסירת הרצון[124] פון זיין נפש הבהמית, נאר אויך - מסירת נפש און מסירת הרצון פון זיין נפש האלקית:

דער טבע און דער רצון פון דער נה"א איז - צו זיין שטענדיק פארבונדן מיט דעם אויבערשטן, ביז אז "א איד ניט ער וויל און ניט ער קען זיין ח"ו א נפרד מאלקות"[125], און דאס איז דער אמיתית הרצון פון יעדן אידן, אפילו אויב דאס קומט ניט אראפ בהבנה והשגה שלו, און אפילו אויב ער ווייסט ניט דערפון, ווי דער רמב"ם[126] פסק'נט.

קומט צוגיין פ' בחוקותי און זאגט דעם אידן אז ער זאל זיך מוסר נפש זיין און מוסר זיין דעם רצון פון זיי נה"א, און ער זאל מקיים זיין א מצוה ניט דערפאר וואס דורך דערויף ווערט א "צוותא וחיבור" צווישן אים מיטן אויבערשטן, "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם", וואס דאס איז דאך רצונה האמיתי פון דער נפש האלקית -

נאר דערפאר וואס דאס איז דער רצון פון דעם אויבערשטן, אן קיין אנדערע חשבונות.

און אפילו אז דער ענין וואס זיין נה"א וויל כסדר זיין פארבונדן מיט אלקות קומט אראפ אין הבנת והשגת האדם, אז ער פארשטייט אזוי ע"פ שכל, ובמילא פארשטייט ער ע"פ שכל פארוואס ער דארף מקיים זיין מצוות -

זאגט מען אים אז אין פרשה ראשונה דק"ש שטייט ניט נאר "בכל מאדך", נאר עס שטייט אויך "בכל לבבך ובכל נפשך" - ד.ה. אז דער ענין פון "בכל מאדך" דארף זיין ניט נאר אין ענינים פון מס"נ, וואס ער פארשטייט בלא"ה ניט, נאר דער "בכל מאדך" דארף אויך דורכנעמען "בכל לבבך" און "בכל נפשך", אז אויך די ענינים וואס ער וויל האבן, אדער ענינים וואס ער פארשטייט ע"פ שכל - זאל ער זיי מקיים זיין ניט צוליב דעם וואס <u>ער</u> וויל אזוי און צוליב דעם וואס <u>ער</u> פארשטייט אזוי - נאר צוליב דעם וואס דער אויבערשטער וויל אזוי, "בחוקותי".

כט. און אז מ'פירט זיך אין אן אופן פון "בחוקותי", אז "בחוקותי <u>תלכו</u>", אז אין דער מס"נ גופא <u>גייט</u> מען "מחיל אל חיל" -

- איז -

------------

124) ראה תו"א מקץ לו, ב. ובכ"מ. 125) היום יום ע' סד. וראה גם סה"מ ה'שי"ת ריש ע' 115. ובכ"מ. 126) הל' גירושין ספ"ב.

איז דעמולט זאגט צו דער אויבערשטער - "אם בחוקותי תלכו", וואס "אין אם אלא לשון תחנונים", ווי די גמרא זאגט אין ע"ז[127], ד.ה. אז נוסף לזה וואס יעדער ציווי פון דעם אויבערשטן איז אויך א סיוע און נתינת כח, האט מען אויך דעם סיוע מיוחד פון "אם בחוקותי תלכו" -

וועט ער געבן סיי שכר גשמי און סיי שכר רוחני - אז עס וועט זיין "ונתתי גשמיכם בעתם ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו", אין דער "ארץ" הידועה ("הארץ") - "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[128],

ביז אז נאך אין זמן הגלות וועט זיין "ואולך אתכם קוממיות", "בקומה זקופה"[129].

און מ'זאל דערנאך זוכה זיין צו קומען אין ארץ ישראל כפשוטה, למטה מעשרה טפחים, אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין" בלשון הרמב"ם[130],

במהרה בימינו ממש.

* * *

ל. די צוויי ענינים המבוארים לעיל, דער ענין פון "בהר", און דער ענין פון "בחוקותי", זיינען לכאורה ניט נאר צוויי ענינים נפרדים, נאר אויך צוויי ענינים הפכיים, וואס דריקן זיך אויס אין צוויי הפכיות'דיקע תנועות אין עבודת האדם:

דער ענין פון "בהר" אין עבודת האדם, איז - די תנועה פון הגבהה און מציאות - אז וויבאלד די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות, און זי איז איצטער אויך ניט אין גלות - דערפאר דארף עבודת און הנהגת האדם זיין ווי א מלך, בתכלית ההרחבה, "ואתהלכה ברחבה".

דער ענין פון "בחוקותי" איז פונקט א פארקערטע תנועה - די תנועה פון ביטול און העדר המציאות - אז אלץ וואס ער טוט דארף זיין בלויז צוליב דעם וואס "חוקה חקקתי גזירה גזרתי", בלויז צוליב גזירת הקב"ה,

ביז אז "אין לך רשות להרהר אחרי'": ער האט טאקע שכל, חכמה בינה ודעת - ער דארף דאס אבער אלץ מבטל זיין, און מקיים זיין די מצוה בלויז דערפאר וואס אזוי וויל דער אויבערשטער.

און דא איז ניט דער פשט אז ער קען ניט מהרהר זיין

- און -

------------

127) ה, סע"א. 128) עקב יא, יב. 129) תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ. 130) הל' תשובה פ"ז ה"ה.

און פרעגן שאלות אויף די מצוות – ווארום אויב אזוי דארף מען ניט האבן די באווארעניש פון "אין לך רשות להרהר אחרי'",

נאר דער פירוש איז אז ער קען בפירוש פרעגן שאלות, ואדרבה – דער אויבערשטער האט אזוי איינגעשטעלט די מצות אז זיי זאלן מעורר זיין אויף שאלות, ביז אויף סתירות –

נאר "אין לך רשות להרהר אחרי'": די אלע שאלות און סתירות דארפסטו אוועקשטופן.

לא. א דוגמא פון א שאלה וואס דער אויבערשטער האט איינגעשטעלט אין מצות געפינט מען בפרשתנו[131]: "וכי תאמרו מה נאכל": וויבאלד אז "לא נזרע ולא נאסוף את תבואתנו" – פרעגט מען "מה נאכל"?

און דאס איז א שאלה ע"פ תורה, ביז אז אפילו נאך דערויף וואס די תורה גיט א תירוץ אויף דער שאלה, בלייבט די שאלה, ווי דער ראגאטשאוועד[132] איז מבאר אז יעדער זאך וואס שטייט אין תורה, אפילו אויב דאס איז דערנאך נתבטל געווארן, בלייבט דאס אלעמאל א דבר נצחי,

און ווי ער ברענגט דארטן די דוגמא לזה פון "ויואל משה"[133], אז אויב איינער איז מתפיס א נדר אין דעם נדר פון משה רבינו (וואס "ויואל" איז מלשון שבועה[134], שבועת משה צו יתרו), איז אע"פ וואס דעם נדר פון משה האבן כשה און יתרו מבטל געווען[135] מיט טויזנטער יארן צוריק – איז דאס אבער א נדר קיים[136], וואדום וויבאלד אז (אויך) דער נדר שטייט אין הושב"כ – איז דאס א דבר נצחי, ד.ה. אז יענע שעה וואס משה האט געמאכט דעם נדר איז א שעה נצחית.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער שאלה אין תורה "וכי תאמרו מה נאכל", אז אפילו נאך דערויף וואס די תורה גיט א תירוץ אויף דעם בלייבט דאס א שאלה נצחית עד סוף כל הדורות[137],

ביז אז בכל שנה ווען מ'איז מעביר די סדרה – שטעלט זיך פון-דאס-ניי די שאלה, "מה נאכל".

ביז אז דער פסוק "וכי תאמרו מה נאכל" איז נוגע צו

- דער -

---

131) בהר כה, כ. 132) מפענ"צ פ"ה סי"ב. וש"נ. 133) שמות ב, כא. וראה שמו"ר פ"א, לג. פ"ד, א. פ"ה, ד. פרש"י עה"פ. 134) שמו"ר פ"א שם. וראה גם נדרים סה, רע"א. 135) נדרים שם. שמו"ר פ"ד ופ"ה שם. 136) ירושלמי נדרים פ"א ה"ב. נדרים י, א-ב ובר"נ שם. 137) ראה לקו"ש ח"א ע' קפז.



הנחת הת' בלתי מוגה

דער כשרות פון דער גאנצער ס"ת, כולל אויך דעם פסוק [138] "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית גו׳".

לב. די שאלה "וכי תאמרו מה נאכל" איז אויך דא אין פנימיות הענינים:

דער צ"צ [139] איז מבאר די שאלה "וכי תאמרו מה נאכל בשנה השביעית", אז "בשנה השביעית" גייט אויף אלף השביעי, "יום שכולו שבת ומנוחה", וואס דעמולט וועלן דאך זיין ימים שאין בהם חפץ[140], עס וועט נתבטל ווערן דער גאנצער ענין פון אתעדל"ת.

ווערט מען דעמולט פרעגן: וויבאלד אז "לא נזרע", אז עס וועט ניט זיין קיין התעוררות און אתעדל"ת מלמטה, ווארום דאס זיינען ימים שאין בהם חפץ - איז "מה נאכל", פון וואנעט וועט מען נעמען די המשכה און השפעה מלמעלה?

אויף דעדויף איז דער ענטפער [138] "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית גו׳ ואכלתם מן התבואה ישן": די המשכה וועט דעמולט נמשך ווערן פון דער עבודה וואס איז געווען אין די ששה שנים שלפנ"ז.

לג. און אע"פ וואס מ׳האט א הידוע אויף די שאלה "מה נאכל" - איז אבער וויבאלד אז די תורה איז נצחית, די שאלה שטייט אין תורה - בלייבט עס א שאלה נצחית ע"פ תורה.

ועד"ז בנוגע צו אלע אנדערע שאלות וואס ווערן אין עניני הומ"צ, אז זיי זיינען טאקע שאלות ע"פ תורה.

אבער פונדעסטוועגן זאגט מען אים (בנדו"ד) אז "אין לך רשות להרהר אחרי׳" - דו דארפסט ארויסשטופן די הרהורים פון זיך.

זיין נשמה האט טאקע יורד געווען אין א גוף ונה"ב, און ער האט א נפש, און רצון, און שכל, און אלע כחות - און אעפ"כ זאגט מען אים אז ער זאל מבטל זיין זיין נפש, און זיין רצון, און זיין שכל, און אלע זיינע כחות, ביז אז ער זאל אויך מבטל זיין דעם רצון זיינעם צו זיך פארבינדן מיט דעם אויבערשטן -

און ער זאל מקיים זיין מצוות נאר מצד קבלת עול, מצד דעדויף וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן.

וואס דאס איז פונקט פארקערט ווי די הנהגה פון "בהר",

- וואס -

-------------

138) פרשהנו שם, כא-כב. 139) אוה"ת ויקרא ריש ע׳ קפז.
140) ראה קהלת יב, א. שבת קנא, ב.



הנחת התו׳ בלתי מוגה

וואס דארפן דארף ער זיך פירן ווי א מלך, מיט דער גאנצער ברייטקייט און מציאות זיינע; משא"כ "בחוקותי" מאנט אז ער זאל זיך אינגאנצן מבטל זיין -

איז ווי קומען די צוויי הפכיות'דיקע פרשיות צוזאמען, ביז אז מ'זאגט אז זיי ווערן איין פרשה - פ' בהר-בחוקותי?!

לד. דאס וואס די ביידע עבודות, "בהר" און "בחוקותי", זיינען עבודות ע"פ תורה - איז פארשטאנדיק, ווארום דאס זיינען צוויי סדרים אין עבודה, און יעדער איינער האט זיין זמן ווען ער איז בהדגשה יתירה:

גלייך בהתחלת היום, קודם עבודת התפלה, דארף זיין די התבוננות אין "שפלות האדם", ווי דער רמ"א זאגט אין שו"ע[141], וואס דאס איז בדוגמא ווי די עבודה פון "בחוקותי".

דערנאך, נאך עבודת התפלה, גייט ער "מבית הכנסת לבית המדרש"[142], און דארטן לערנט ער תורה מיט א קאך, און דער סדר אין לימוד התורה איז - אז "לא הביישן למד"[143]:

א "ביישן" איז טאקע איינע פון די "שלשה סימנים" פון אידן[144] - אבער ווען עס קומט צו לימוד התורה און צו מלחמתה של תורה[145], איז דער סדר אז פריער לערנט דער תלמיד בא דבו, אבער דערנאך פירט ער זיך אין אן אופן פון "לא הביישן למד", ווארום ער איז בהוקף ניט מצד מציאותו הוא, נאר - דערפאר וואס דאס איז מלחמתה של תורה.

וואס דאס איז בדוגמא ווי די עבודה פון "בהר".

וואס כל זה איז פארשטאנדיק בשעת מ'זאגט אז די צוויי אופני עבודות זיינען באזונדערע אופני עבודות, וואס זיינען פארבונדן מיט באזונדערע זמנים און באזונדערע מצבים ווען מ'דארף אנקומען צו די עבודות;

בשעת אבער מ'זאגט אז די צוויי פרשיות פון בהר און בחוקותי קומען צוזאמען, ביז אז זיי ווערן איין פרשה - איז ניט פארשטאנדיק ווי קענען די צוויי הפכיות'דיקע עבודות שטיין צוזאמען.

און וואס איז די הוראה דערפון בעבודת כאו"א,

וכמדובר כמ"פ אז די הוראה וואס מען נעמט ארויס דערפון וואס פ' בהר-בחוקותי קומען צוזאמען איז ניט נאר על - שנה -

------------

141) או"ח סצ"ח ס"א. הובא בשו"ע אדה"ז שם. 142) דאה ברכות בסופה. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ה ס"א. וש"נ. 143) אבות פ"ב מ"ה. 144) יבמות עט, א. 145) דאה סנהדרין קיא, ב.

שנ׳ ו, נאר אויך פאר אלע זמנים און פאר אלע שנים, עס איז מערניט אז במיוחד שטייט דאס בהדגשה אין דעם יאר וועך דאס פאלט אוים אזוי, כבשנה זו.

לה. והביאור בזה:

ס׳איז ידוע דער מאמר[146] אויפן פסוק[147] "ונגף ה׳ את מצרים נגוף ורפוא" - "נגוף למצרים ורפוא לישראל . . באותה שעה שנגפו מצראי באותה שעה נתרפאו ישראל",

און מ׳איז דאס מבאר[148] אז דאס רעדט זיך וועגן מכת בכורות וואס איז געווען "בחצי הלילה"[149], און אין דער זעלבער רגע פון "בחצי הלילה", איז געווען "נגוף למצרים" און "רפוא לישראל" צוזאמען.

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: ס׳איז דאך א כלל[150] אז "לא עביד קוב"ה ניסא למגנא" - איז פארוואס האט דער אויבערשטער געדארפט מאכן אז אין דער זעלבער רגע, "בחצי הלילה", זאל זיין א חיבור פון צוויי הפכים - "נגוף למצרים" (גבורה) און "רפוא לישראל" (חסד), ער האט דאס געקענט צוטיילן אויף צוויי באזונדערע זמנים אין דער נאכט, אז אין איין זמן זאל זיין "נגוף למצרים" און אין א צווייטן זמן - "רפוא לישראל"?!

נאר דערפון גופא וואס דער אויבערשטער האט אזוי געטאן - איז פארשטאנדיק אז בא דעם אויבערשטן גייען די ביידע הפכים פון חסד און גבורה צוזאמען.

לו. ס׳איז דאך "צדיקים דומין לבוראן"[151] - איז ע"ד ווי בא דעם אויבערשטן קומען צוזאמען די צוויי ענינים פון "נגוף" און "רפוא", חסד און גבורה, עד"ז איז דא ווי די צוויי ענינים פון אהבה און יראה קומען צוזאמען אין עבודת ה׳:

עס שטייט אין ספרי[152] אז "אין לך אהבה במקום יראה ויראה במקום אהבה אלא במדה הקב"ה בלבד", "ואהבת את ה׳ אלקיך"[153], און "את ה׳ אלקיך תירא"[154] (משא"כ בא בני אדם קען דאס ניט זיין).

און ווי עס שטייט אין חינוך[155] אז אהבת ה׳ און יראת ה׳

- זיינען -

------------

146) זח"ב לו, א. וראה אוה"ת בא (כרך ז) ע׳ ב׳תרלג ואילך. סה"מ תש"ה ע׳ 137 ואילך. 147) ישעי׳ יט, כב. 148) אוה"ת וסה"מ שם. 149) בא יב, כט. וראה פרש"י עה"פ שם, ד. 150) ראה דרשות הר"ן דרוש ח. 151) ב"ר פס"ז, ח. ובכ"מ. 152) עה"פ ואתחנן ו, ה. 153) ואתחנן שם. 154) ואתחנן שם, יג. 155) באגרת המחבר בריש ספר החינוך (בסופה).

זיינען פון די מצוות וואס "חיובן תמידי לא יפסק מעל האדם אפילו רגע בכל ימיו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער קיום פון מצות אהבת ה' און מצות יראת ה' שטייעןביידע צוזאמען אין דער זעלבער רגע.

ד.ה. אז אע"פ וואס אהבה איז דער שרש פון אלע רמ"ח מצוות עשה, און יראה איז דער שרש פון אלע שס"ה מצוות לא תעשה[156],

וואס מ"ע און מל"ת זיינען דאך הפכים בפשטות - איז דאך לכאורה נים שייך צו זאגן אז זיי זאלן שטיין צוזאמען בבת אחת?

אעפ"כ זאגט מען אז אהבה און יראה (דער שרש פון מ"ע און דער שרש פון מל"ת) קומען צוזאמען בבת אחת, וויבאלד אז דאס איז "במדת הקב"ה".

לז. א דוגמא בהלכה וואו מ'געפינט אז קיום פון א מ"ע (ע"ד ווי אהבה) און קיום פון א מל"ת (ע"ד ווי יראה) קומען צוזאמען:

אין שביתת שבת זיינען דא צוויי ענינים[157]: א מ"ע, "וביום השביעי תשבות"[158], און א מל"ת, "לא תעשה כל מלאכה"[159].

איז בשעת איינער איז שובת ביום השבת איז ער מקיים די ביידע ענינים, די מ"ע פון "תשבות" און די ל"ת פון "לא תעשה כל מלאכה", בבת אחת.

דאס איז אבער זייער גרינג צו טאן, ווארום מ'דארף גארנים צולייגן בכדי צו מקיים זיין בבת אחת סיי די מ"ע פון "תשבות" און סיי די מל"ת פון "לא תעשה כל מלאכה";

וועז עס קומט אבער צו טאן דורך עבודת האדם צוויי הפכיות'דיקע ענינים בבת אחת - איז דאס לכאורה נים שייך צו טאן.

זאגט מען אז אויך אין עבודת האדם איז דא דער ענין פון טאן בבת אחת צוויי הפכיות'דיקע ענינים, אן ענין חיובי און אן ענין שלילי (בדוגמת א מ"ע און א מל"ת) - די מצוה פון אהבת ה' און יראת ה' וואס דארפן זיין בבת אחת, כנ"ל.

לח. עד"ז געפינט מען די צוויי הפכיות'דיקע תנועות אין

- דער -

---

156) תניא רפ"ד. וראה פירוש לרמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ב.
157) ראה רמב"ם ריש הל' שבת. וראה באדוכה שיחת אחש"פ ש.ז. סס"ה ואילך. וש"נ. 158) משפטים כג, יב. 159) יתרו כ, י.

דער מצוה פון אהבת ישראל, וואס זי איז יסוד כל התורה כולה[160]:

פון איין זייט דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך"[161], מ'דארף ליב האבן דעם צווייטן אידן אזוי ווי מ'האט זיך אליין ליב, ובלשון המשנה[162] "אוהב את הבריות" - א תנועה חיובית;

ביחד עם זה זאגט מען "(אוהב את הבריות) ומקרבן לתורה" - מ'דארף ניט אראפנידערן די תורה צו אים, נאר מ'דארף אים אויפהויבן צו דער תורה[163] - א תנועה שלילית.

און אין סדר העבודה - דארף קומען פריער "אוהב את הבריות", און דערנאך "ומקרבן לתורה".

לט. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

בשעת מ'גייט ארויס אין גאס מקרב זיין א אידן, איז די ערשטע זאך דארף זיין "אוהב את הבריות", אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך".

און ניט מ'זאל זאגן דעם וועמען מען איז מקרב, אז וויבאלד עס איז דא דער ענין פון קירוב הרחוקים ווי דער לשון אין גמרא סנהדרין[164] אויף דעם ענין: "שלום שלום לרחוק ולקרוב"[165] - שלום לרחוק שנעשה קרוב, איז היות ער איז א "רחוק", און איך (דער וואס גייט אים מקרב זיין) בין א "קרוב" - דערפאר קום איך דיר מקרב זיין -

ווארום נוצן אזא אויסשפראך פון "קירוב הרחוקים" צו דעם וועמען מ'גייט מקרב זיין - איז היפך הדין, ווארום מען טאר ניט זאגן צו א בעל תשובה "זכור מעשיך הראשונים", ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו א גר[166].

בא זיך קען ער טראכטן (אדער רעדן מיט א צווייטן) אז דאס איז אן ענין פון "קירוב הרחוקים" - אבער זאגן דאס צו דעם וועמען מען איז מקרב - איז היפך הדין.

וואס דערפאר געפינט מען ערגעץ ניט אז רבותינו נשיאינו זאלן זיך באנוצן מיט דעם לשון פון "קירוב הרחוקים": מ'געפינט אז זיי זאגן אז מ'דארף ליב האבן אפילו א אידן וואס מ'האט קיינמאל ניט געזעהן, און א אידן וואס געפינט זיך אין צווייטן עק וועלט[167], ועוד כיו"ב - אבער

- מ'געפינט -

------------

160) ראה שבת לא, א. 161) קדושים יט, יח. 162) אבות פ"א מי"ב. 163) ראה לקו"ש ח"ב ע' 316. ובכ"מ. 164) צט, א. 165) ל' הכתוב - ישעי' נז, יט. 166) ב"מ נח, ב במשנה. רמב"ם הל' מכירה פי"ד הי"ג. טושו"ע חו"מ סרכ"ח ס"ד. שו"ע אדה"ז הל' אונאה וגניבת דעת סכ"ה. 167) ראה היום יום ע' כה. שם ע' קיג.

מ׳געפינט ערגעץ ניט א לשון "קירוב הרחוקים".

וואס די הסברה בזה איז פארשטאנדיק מהאמור לעיל: ס׳איז היפך הדין צו זאגן א אידן וואס מ׳דארף מקרב זיין אז ער איז א "רחוק" און מ׳וויל מיט אים טאן דעם ענין פון "קירוב הרחוקים".

נוסף על האמת - אז באמת איז קיין איד ניט קיין "רחוק"; ס׳איז ניטא קיין מציאות פון א איד וואס איז באמיתית הענין א "רחוק" פון אירישקייט!

און דאס וואס די גמרא זאגט "שלום שלום לרחוק ולקרוב", לרחוק שנעשה קרוב (כנ"ל) - איז דאס דערפאר וואס "דברה תורה כלשון בני אדם"[168]; אבער בשעת מ׳ווערט א תורה-איד, היפך דעם ענין פון "לשון בני אדם" - איז דעמולט רעדט מען ניט "כלשון בני אדם", נאר מ׳רעדט, ווארום מ׳ווייסט, אז באמיתית איז יעדער איד א "קרוב".

מ. דערפון זעט מען (אויך) דער דיוק אין דברי רבותינו נשיאינו: מ׳געפינט ניט אין קיין אייך און איינציקן ארט אז רבותינו נשיאינו זאלן זיך באנוצן מיט דעם לשון "קירוב הרחוקים", מ׳געפינט נאר דעם לשון "ואהבת לרעך כמוך" וכיו"ב, כנ"ל,

וואס לכאורה איז איפכא מסתברא:

בשעת מ׳זאגט און מ׳מאנט אז מ׳זאל טאן אין "ואהבת לרעך כמוך" - ווערט גלייך די שאלה הידועה פון רמב"ן[169] - היתכן ווי קען מען מאנען פון א בו"ד אז עס זאל זיין "ואהבת לרעך כמוך" וכו׳?!

משא"כ אויב מ׳וואלט געזאגט און געמאנט אז מ׳זאל טאן אין "קירוב הרחוקים" - לייגט זיך דאס בא יעדערן אין שכל אז אפילו אויב ער איז ניט בשלימות אין עבודה מיט זיך, און אפילו אויב ער איז ניט קיין חכם - איז אבער וויבאלד אז א צווייטער איז א רחוק און ער קען אים ארויסהעלפן און אים מקרב זיין - דארף ער דאס זיכער טאן, ביז - מאכן א מפעל פון "קירוב הרחוקים".

זעט מען אבער דעם דיוק פון רבותינו נשיאינו אז אין קיין אייך און איינציקן ארט נוצן זיי ניט דעם לשון "קירוב הרחוקים" - ווארום, כאמור, ס׳איז ניט קיין ענין צו זאגן א אידן אז ער איז א רחוק: ס׳איז היפך הדין, היפך המציאות און היפך האמת!

- וע"ד -

---

168) ברכות לא, ב. וש"נ. 169) עה"פ.

וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו צדקה, אז בשעת דער עשיר גיט דעם עני געלט - דארף ער דאס טאן אין אן אופן אז דער עני זאל ניט מרגיש זיין אז ער איז דער עני און יענער איז דער עשיר; דער עשיר דארף אים מפייס זיין, און באווייזן א "סבר פנים יפות", ווי דער לשון אין שו"ע[170], און ער טאר אים ח"ו ניט לאזן עפעס-וואס מרגיש זיין אז ער איז דער עני.

ואדרבה: דער הרגש בא דעם עני און בא דעם עשיר דארף זיין, אז "יותר ממה שבעה"ב עושה עם העני, העני עושה עם בעה"ב"[171]:

דער עשיר איז דער וואס באקומט א טובה פון דעם עני, אז ער (דער עני) האט אים מזכה געווען מיט מקיים זיין א מצוה, ובפרט אז דאס וואס די געלט ליגט באם עשיר, איז עס נאר בתור פקדון, און ער דארף דאס אפגעבן דעם עני[172].

און אויך: טאמער וועט טרעפן א זאך וואס דירט אן ח"ו אין חייו פון דעם עשיר אדער פון בנו אדער פון בתו - זאגט דער אויבערשטער, אז וויבאלד ער האט מחי' געווען "נפשו של עני", איז "אזכור אני להם (צום בן און בת) את המצוה שעשית עם העני, ומציל אני אותם כו' שאני משלם לך נפש תחת נפש"[173].

מא. בנוגע לענינינו:

קודם-כל דארף זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", "אוהב את הבריות", ווי דער אלטער רבי [וואס ער איז א פוסק אין נגלה דתורה און אין נסהר דתורה] האט ארייגעשטעלט בסידורו [- גענומען טאקע פון כתבי האריז"ל[174], דער אלטער רבי האט דאס אבער ארייגעשטעלט אין א סידור וואס דער סידור איז א דבר השוה לכל נפש[175]] -

אז "קודם התפלה", נאך פאר קריאת שמע, און נאך פאר "הודו לה'", און אפילו פאר "מה טובו" - זאל מען זאגן "הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת לרעך כמוך".

וואס דערפון וואס מ'דארף דאס זאגן נאך "קודם התפלה" - איז פארשטאנדיק, אז אויף דעם ענין פון אהבת ישראל דארף מען ניט לערנען קיין תורה, און מ'דארף ניט לערנען אין קיינע ספרים, אין די ספרים, אין יענע ספרים, אין א סאך ספרים, אין ווייניקער ספרים - ווארום דער גאנצער ענין פון

- לימוד -

---

170) יו"ד סרמ"ט ס"ג. וראה שם ס"ד. 171) ויק"ר פל"ד, ח. 172) ראה ד"ה ארשב"נ תר"צ פ"ג (סה"מ קונטרסים ח"א קיט, א). 173) תנחומא משפטים טו. 174) שער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. סידור האריז"ל במקומו. 175) ראה לקו"ש ח"ב ע' 298.

לימוד התורה הויבט זיך ערשט אן לאחרי התפלה, "מבית הכנסת לבית המדרש".

נאר שוין פאר דעם וואס ער שטעלט זיך דאווענען נעמט ער אן אויף זיך אהבת ישראל, און במילא גלייך ווען ער ענדיקט דאווענען איז ער דאס מקיים בפועל, איידער ער לערנט תורה.

און נאך דערויף וואס מ'האט די הקדמה פון "הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת לרעך כמוך", איז קיום מצות אהבת ישראל בפועל - דארף זיין דער ענין פון "ומקרבן לתורה", ניט אראפנידערן די תורה צו אים, נאר אויפהויבן אים צו די תורה, די תנועה שליליה (ווי געדעדט פריער (סל"ח)).

און די ביידע ענינים, "ואהבת לרעך כמוך", "אוהב את הבריות", און "ומקרבן לתורה" - דארפן זיין צוזאמען אלס איין עבודה, ביז אז כל אחת איז משלים די צווייטע.

מב. און די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון "עבדו את ה' בשמחה"[176], ווי דער רמב"ם[177] פסק'נט אז יעדער עבודה דארף זיין מתוך שמחה, ועאכו"כ בנוגע צו עבודה וואס איז פארבונדן מיט תפלה (און מיט דער הקדמה קודם התפלה).

און מתוך שמחה אמיתיה, ניט קנייפן די באקן ביז זיי ווערן רויט - נאר אז דאס זאל זיין אן אמת'ע שמחה, וואס נעמט אים אינגאנצן דורך.

און פון דער תפלה און הקדמה קודם התפלה פון "הריני מקבל עלי וכו'" - קומט מען צו דער תפלה פון "והחזינה עינינו", וואס דאס זאגט מען בתפלות כל יום, און אויך בתפלות שבת -

אז דאס זאל מקוים ווערן בפועל, למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן אז אלע אידן וועלן זיין צוזאמען איין מציאות, "קהל גדול ישובו הנה"[178],

בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

מג. מאמר (כעין שיחה) ד"ה וידבר גו' כי תבואו גו' ושבתה גו'.

* * *

מד. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון - פרשתנו -

---

176) תהלים ק, ב. 177) סוף הל' לולב. 178) ירמי' לא, ח.

פרשתנו, און אין די שבתות וואס מ'לערנט פרקי אבות - אויך א משנה אדער אן עניין פון דעם פרק וואס מ'לערנט אין דעם שבת.

בנוגע צו פירוש רש"י - וועט מען זיך אפשטעלן אויף פירוש רש"י אין פ' בהר קאפיטל כה פסוק מא.

[וואס מ'האט שוין אמאל גערעדט אין דעם פרש"י[179], און ס'איז אויך דא א רשימה פון דעם, וואס זי איז קודם און עס פעלט וכו'].

אין פסוק רעדט זיך וועגן אן עבד עברי וואס האט זיך פארקויפט צו א צווייטן אידן - זאגט דער פסוק, אז ווען עס קומט שנת היובל איז "ויצא מעמך הוא ובניו עמו גו'".

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "הוא ובניו עמו", און זאגט: "אמר רבי שמעון אם הוא נמכר בניו מי מכרן? אלא מכאן שרבו חייב במזונות בניו".

דארף מען פארשטיין:

דער דיוק הידוע - פארוואס ברענגט רש"י דעם נאמען פון דעם בעל המאמר - "אמר רבי שמעון"?

וכמדובר כמ"פ, אז דערפון וואס רש"י ברענגט דעם נאמען פון דעם בעל המאמר, איז פארשטאנדיק, אז אין דעם פרש"י איז דא א שאלה וואס א תלמיד חריף קען זיך אויף דערויף כאפן, און בכדי צו פארענטפערן די שאלה ברמז (ווארום וויבאלד אז עס רעדט זיך נאר וועגן א תלמיד חריף דארף דאס רש"י ניט פארענטפערן בגלוי) - ברענגט רש"י דעם נאמען פון דעם בעל המאמר,

וואס בשעת דער תלמיד חריף וועט הערן דעם נאמען פון דעם בעל המאמר, וועט ער זיך נאכפרעגן בא רש"י וואס איז דער לשיטתו פון דעם בעל המאמר, און ע"פ דעם לשיטתו וועט פארענטפערט ווערן די שאלה.

דארף מען וויסן - וואס איז דא די שאלה, און וואס איז דער לשיטתו פון רבי שמעון וואס דערמיט ווערט פארענטפערט די שאלה.

מה. אויך דארף מען פארשטיין:

אין פ' משפטים רעדט זיך וועגן דעם זעלבן עניין וועלכער רעדט זיך אין אונזער פסוק, וועגן אן עבד עברי וואס גייט ארויס פריי פון אדונו, און דארטן שטייט [180] "אם בעל אשה הוא ויצאה אשתו עמו".

- שטעלט -

---

179) ש"פ בהו"ב תשל"א. 180) כא, ג.

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "ויצאה אשתו עמו", און זאגט כמעט די זעלבע זאך וואס ער זאגט בפרשתנו: "וכי מי הכניסה שתצא? אלא מגיד הכתוב שהקונה עבד עברי חייב במזונות אשתו ובניו".

דארף מען פארשטיין: בשעת מ'גלייכט צו די רש"י בפרשתנו מיט דער רש"י אין פ' משפטים - געפינט מען כמה שינויים:

א) אין פ' משפטים איז דער לשון השאלה פון רש"י "וכי מי הכניסה שתצא", משא"כ בפרשתנו איז דער לשון "(אם הוא נמכר) בניו מי מכרן" - אע"פ וואס דער לשון אין פסוק איז דער זעלבער: אין פ' משפטים שטייט "ויצאה אשתו עמו", און בפרשתנו שטייט "ויצא מעמך הוא ובניו עמו".

און אפילו מ'וועט זאגן אז ס'איז דא א שינוי פון דעם פסוק אין פ' משפטים מיט דעם פסוק בפרשתנו - איז הא גופא קשיא: פארוואס איז דער פסוק משנה דעם לשון, בשעת דער דין בנוגע צו "בניו" איז דער זעלבער דין ווי בנוגע צו "אשתו"?

ב) אין פ' משפטים ברענגט ניט רש"י פירושו בשם רבי שמעון, משא"כ בפרשתנו ברענגט ער עס בשם רבי שמעון.

קען מען דאך מיינען אז דעם לימוד בפרשתנו בנוגע צו "בניו" האט ר' שמעון געזאגט, משא"כ דעם לימוד אין פ' משפטים האט ניט ר' שמעון געזאגט

- איז אין מכילתא[181] שטייט דער לימוד בנוגע צו "אשתו" בשם פון ר' יצחק, און אין תו"כ[182] שטייט דער לימוד בנוגע צו "בניו" ניט בשם א מאן-דאמר -

געפינט מען אבער אין גמרא אין קידושין[183] אזביידע לימודים, סיי בנוגע צו "אשתו" און סיי בנוגע צו "בניו", האט ר' שמעון געזאגט, און אין אייך המשך!

און אעפ"כ ברענגט רש"י בשם פון ר' שמעון נאר בפירושו בפרשתנו בנוגע צו "בניו" און ניט אין פ' משפטים בנוגע צו "אשתו"?!

אויך דארף מען פארשטיין אין דעם פרש"י אין פ' משפטים:

נאך דעם וואס רש"י זאגט דעם לימוד פון "ויצאה אשתו עמו" אז "מגיד הכתוב שהקונה עבד עברי חייב במזונות אשתו", לייגט רש"י צו "ובניו" [אין אנדערע גירסאות שטייט אויך "ובנותיו"] -

- וואס -

---

181) עה"פ משפטים שם. 182) עה"פ בהר שם. 183) כב, א.

וואס לכאורה ווי קומט דא אריין "בניו" - איך פסוק שטייט נאר "ויצאה אשתו עמו", און עס ווערט בכלל ניט דערמאנט וועגן "בניו".

מ'קען ניט זאגן אז רש"י איך פ' משפטים פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער וועט זאגן בפרשתנו אויך בנוגע צו "בניו" - ווארום אפילו דער רמב"ם וואס ער לערנט מיט גדולים - פארלאזט זיך ניט אויף דעם וואס ער וועט שרייבן שפעטער[184], ועאכו"כ אז רש"י עה"ת וואס ער לערנט מיט א בן חמש למקרא, פארלאזט זיך ניט אויף דעם וואס ער וועט שרייבן שפעטער, און ער דארף שרייבן במקומו אז אזוי וועט שטיין שפעטער.

ובפרט אז דער בן חמש למקרא מיט וועלכן רש"י לערנט קען אויך זיין אזא וואס לערנט חומש דעם ערשטן מאל.

[דאס וואס רש"י שרייבט ניט בפרשתנו אויך בנוגע צו "אשתו", קען מען זאגן אז ער פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט געשריבן פריער איך פ' משפטים; אבער פארקערט קען מען ניט זאגן].

און די אלע ענינים דארפן זיין פארשטאנדיק איך פשש"מ, ניט פארלאזנדיק זיך אויף דעם וואס דער רא"ם און דער שפ"ח זאגן, ובפרט אז זיי שטעלן זיך ניט אויף די קשיות דלעיל ובמילא איז בא זיי אויך ניטא קיין הירוצים אויף דעם; זיי שטעלן זיך בכלל אויף אנדערע דיוקים.

וכפי שיהבאר לקמן.

מו. איך די הערות אויף זהר בפרשתנו, שטעלט ער זיך[185] אויף דעם וואס עס שטייט איך זהר בסוף פרשתנו (בחוקותי)[186], אז רבי אלעזר (בנו של רשב"י) האט מבאר געווען דעם פסוק[187] "ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים לכלתם" - "לכלתם כתיב חסר וי"ו":

"מאן דסאנא לאחרא מאיס הוא לקבלי' וגעלא הוא בגיעולא קמי', אבל הכא לא מאסתים ולא געלתים, מ"ט בגין דחביבותא דנפשאי ביניהו, ובגינה כולהו חביבין גבאי, הה"ד לכלתם, לכלתם כתיב חסר וי"ו [לשון כלה], בגינה לא מאסתים ולא געלתים, בגין דאיהי רחימתא דנפשאי רחימותא דילי גבהא".

און ער האט געגעבן א משל אויף דעם: "לבר נש דרחים אתתא והות דיירא בשוקא דבורסקי ("מקום שמעבדין בו העורות

- שיהיו -

---

184) יד מלאכי כללי הרמב"ם אות ו. 185) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' שלו ואילך. 186) זח"ג קטו, ב. 187) פרשתנו (בחוקותי) כו, מד.

שיהיו ראויים למנעלים", וואס דארטן איז א "ריח רע באד"[188],
אי לא הות היא המן לא עייל בה לעלמין, כיון דהיא המן דמי
בעינוי כשוקא דרוכלי דכל ריחין דעלמא טבין אשתכחו תמן",

עד"ז בעניננו: "ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם
דאיהו שוקא דבורסקי", וואס דאס איז דער ענין אז אידן
געפינען זיך אין גלות, וואס דארטן איז דא א ריח רע וכו׳ -
פונדעסטוועגן "לא מאסתים ולא געלתים, ואמאי לכלתם, בגין
כלתם דאנא רחימנא ־ה דאיהי רחימתא דנפשאי דשרייא תמן ודמי
עלי ככל ריחין טבאן דעלמא בגין ההיא כלה דבגווייהו":

וויבאלד אז אידן זיינען די כלה פון דעם אויבערשטן,
איז כאטש זיי געפינען זיך אין גלות, אין "שוקא דבורסקי",
וואס דארטן איז א ריח רע, אעפ"כ "דמי עלי ככל ריחין טבאן
דעלמא".

דערנאך איז ער ממשיך אין זהר: "א"ר יוסי אילו לא
אתינא הכא אלא למשמע מלה דא (פון ר׳ אלעזר) דיי, פתח ואמר
. . בן יכבד אב[189] כגון ר׳ אלעזר דאיהו אוקיר לי׳ לאבוי
בהאי עלמא ובההוא עלמא, השתא אסגי שבחא דר"ש כו׳".

מז. אין די הערוה איז דער טאטע מבאר דעם זהר, מיט די אלע
פרטים אין אותיות הקבלה;

ער איז אבער ניט מבאר אן ענין וואס איז אינגאנצן ניט
פארשטאנדיק אין דעם זהר, פארלאזנדיק זיך (כמדובר כמ"פ) אז
מ׳וועט זיך אליין מאכן אויף דעם ביאור אין דעם, און מפרשי
הזהר (וואס איך האב געזעהן) שטעלן זיך אויך ניט אויף דער
קשיא גדולה:

ר׳ אלעזר איז דאך געווען "תורתו אומנתו", ווי ס׳איז
פארשטאנדיק דערפון וואס ער איז נכלל אין "רשב"י וחבריו",

ביז אז רשב"י האט אויף אים געזאגט[190] "אם שנים הן אני
ובני הן",

איז דאך פארשטאנדיק אז כל מציאותו פון ר׳ אלעזר איז
געווען תורה, ער האט שטענדיק געלערנט תורה, און מ׳געפינט
תורתו בכ"מ אין תושבע"פ, ועאכו"כ אין זהר, און אין זהר
גופא געפינט מען הונדערטער פון זיינע תורות פאר די תורה
(עה"פ "לא מאסתים וגו׳") -

איז וואס עפעס מיטאמאל ווען עס קומט צו דעם זהר
- בפרשתנו -

------------

188) לקוטי לוי"צ שם ע׳ שמא. 189) מלאכי א, ו.
190) סוכה מה, ב.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

בפרשתנו און ר׳ אלעזר זאגט א תורה אויפן פסוק "לא מאסתים ולא געלתים לכלתם" - קומט צוגיין ר׳ יוסי און זאגט "בן יכבד אב כגון ר׳ אלעזר", וואס איז דא די שייכות ביניהם?!

וכפי שיתבאר לקמן.

מח. אין פרקי אבות לערנט מען דעם שבת פרק ה׳.

וואס אין דעם פרק ווערן אויסגערעכנט כו"כ ענינים וואס זיינען דא אין א מספר פון עשרה, און אין א מספר פון שבעה, און אין א מספר פון ארבעה.

איז איינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

עס זיינען דא כו"כ ענינים (פארבונדן מיט תומ"צ און מיט עולם) וואס זיינען דא אין א מספר פון תשעה, כו"כ ענינים אין א מספר פון שמונה, כו"כ ענינים אין א מספר פון ששה, כו"כ ענינים אין א מספר פון חמשה, כו"כ ענינים אין א מספר פון שלשה [ווי מ׳געפינט אין פרקי אבות גופא אין דער התחלה און סוף פרק א׳, ביז אין דעם פרק (פרק ה׳) גופא[191] רעכנט ער אויס "שלשה דברים" פון "תלמידיו של אברהם אבינו" און "שלשה דברים" פון "תלמידיו של בלעם הרשע"],

ועד"ז כו"כ ענינים אין א מספר פון שנים, און כו"כ ענינים אין א מספר פון אחד.

ביז אז ס׳איז דא א ספר וואס הייסט "מדרש מעשה תורה"[191*] (אדער "פרקי רבינו הקדוש"[191**]), וואס רעכנט אויס א ריבוי ענינים וואס זיינען במספר שלשה, במספר חמשה וכו׳,

און ער ברענגט דאס דארטן אלץ פון מאמרי חז"ל, און איז מציין מקומם -

איז פארוואס דא אין פרק ה׳ פון פרקי אבות ברענגט ער נאר ענינים במספר עשרה, במספר שבעה און במספר ארבעה, בשעת עס זיינען דא ענינים אין אלע אנדערע מספרים?

מט. אויך דארף מען פארשטיין - "מנינא למה לי"[192]: צוליב וואס איז יעדער משנה וואס ברענגט עשרה, שבעה אדער ארבעה דברים - מקדים דעם מספר הדברים - "בעשרה מאמרות", "עשרה נסיונות" וכו׳, "שבעה דברים" וכו׳, "ארבע מדות"?

- בנוגע -

---

191) משנה יט. *191) ראה אוצר מדרשים (אייזנשטיין) ע׳ 319. **191) ספר הליקוטים (מדרשים) הוצאת גרינהוט ע׳ לג ואילך. 192) ל׳ הש"ס - שבת עג, ריש ע"ב. ועוד.

בנוגע צו "בעשרה מאמרות נברא העולם" קען מען נאך ענטפערן, אז וויבאלד די משנה ברענגט ניט די פסוקים פון די עשרה מאמרות (אויך ניט דעם פסוק "בראשית ברא אלקים", וואס "בראשית נמי כאמר הוא"[193]) - דערפאר רעכנט אויס די משנה וויפל מאמרות עס זיינען פאראן;

משא"כ אבער בנוגע צו די אנדערע משנות, וואו ער רעכנט אויס בפרטיות וואס די זאכן זיינען - דארף מען דאך לכאורה ניט האבן די הקדמה וויפל זאכן עס זיינען דא פאראן - אז מ׳וועט א צייל-טאן וועט מען וויסן וויפל זאכן זיינען פאראן.

אנדערע מפרשים ווילן זאגן, אז וויבאלד די משנה רעכנט שוין אויס דעם מספר פון "בעשרה מאמרות נברא העולם" - דערפאר רעכנט זי אויס אויך דעם מספר פון אלע סוגים אין דעם פרק.

ס׳איז אבער מעצמו מובן דער דוחק בזה.

עד"ז זיינען דא מפרשים וואס ווילן ענטפערן, אז אזוי ווי די משנות אין פרקי אבות זיינען א חלק פון תורה שבעל פה, וואס מ׳האט געדארפט געדיינקען בע"פ - איז בכדי מאכן לייכטער דעם געדיינקען, אז עס זאל ניט זיין קיין הוספה אדער גרעון אין די ענינים וואס די משנות רעכענען אויס - האט די משנה בקדים געוועז דעם מספר הדברים, וואס בשעה מ׳וועט געדיינקען דעם מספר, וועט מען וויסן צי מ׳האט אלע ענינים אדער ניט[194].

אבער אויך דא איז בעצמו מובן דער דוחק בזה.

עכ"פ - אפילו אז מ׳וועט בדוחק וועלן ענטפערן די תירוצים - בלייבט נאך אבער די קלאץ-קשיא הנ"ל: פארוואס ברענגט די משנה נאר ענינים אין דעם סוג פון עשרה, שבעה און ארבעה.

וכפי שיתבאר לקמן.

נ. אזוי* ווי "מפקחין[195] על צרכי ציבור[196] בשבת", אפילו

- צרכי -

------------

193) ר"ה לב, א. רע"ב לאבות כאן. ועוד. 194) להעיר גם מיד מלאכי שם אות לד. 195) ראה שבת קנ, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ה סש"ו ס"ו (סי"ב). 196) הל׳ בהנ"ל "רבים" - וכדי להדגיש זכות-ציבור שברבים דהענית זה, נאמר בהשיחה הפרט שברבים זה - "ציבור".

------------

*) מכאן ועד סו"ס נג - הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א, וי"ל בפ"ע.

צרכי ציבור פון ככה ימים וזמן לאחרי השבת - איז כאן המקום והזמן להודיע וועגן דעם תענית שעות[197] וואס "אגודת הרבנים" האט קובע געווען אויף ערב ראש חודש סיון, צוליב דעם מצב בעולם בכלל, ובפרט אין ארץ הקודש, וואס ס'איז דא (אויך) אן "עוצו עצה" און "דברו דבר"[198], און מ'דארף אנקומען צו "ותופר" און "ולא יקום"[198].

און ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו ערב שבת און ערב יו"ט - אז דער "ערב" איז א הכנה צו די עניני שבת ויו"ט, אז זיי זאלן זיין בשלימות, בתכלית השלימות - עד"ז איז בנוגע צו ערב ראש חודש, אז דעמולט דארף מען מכין זיין צו ראש חודש.

איז (אויך) אלס איינע פון די הכנות[199] צו ראש חודש סיון, אז אלע ענינים אין אים זאלן זיין בטוב ובשלימות, איז פועל דער תענית שעות בער"ח סיון.

נא. איז מען איצטער מודיע אז מ'וועט זיך מצטרף זיין צו דעם תענית שעות, ובפרט אז זינט זיי (אגוה"ר) האבן געמאכט די הכרזה וועגן דעם, זיינען צוגעקומען נאך זאכן שאינם רצויים, שאין כאן המקום לדבר עליהם.

און מסתמא וועלן זיך צו דעם מצטרף זיין די אלע וואס געפינען זיך דא, און אויך - איבערגעבן אידן וואס געפינען זיך בכל מקום שידם מגעת.

און די וואס קענען ניט פאסטן - זאלן פודה זיין דעם תענית מיט ממון, "והסאך[200] בצדקה פרוק"[201].

וי"ל עוד בזה - ע"ד המדובר כמ"פ[202] בנוגע צו לימוד התורה, חלוקת הש"ס[203] וחלוקת המשניות - אז אויב איינער קען אליין ניט מסיים זיין גאנץ ש"ס, און עס זיינען זיך אין דערויף מצטרף כמה וכמה, וואס כל אחד נעמט איין חלק, ווערט גערעכנט ווי יעדערער פון זיי האט מסיים געווען די גאנצע זאך,

ע"ר ווי דער דין איז בהלכות שבת[204] אז א מלאכה וואס

- "זה" -

------------

197) "עד אחר חצות היום בלבד דמיחשב ג"כ תענית בירושלמי (סנהדרין פ"י ה"ב (קרוב להחלהה))" - אגרת התשובה לאדה"ז ספ"ג. 198) ל' הכתוב - ישעי' ח, י. 199) להעיר שבשק"מ סיון אומרים אב הרחמים (שו"ע אדה"ז או"ח סו"ס רפד, וש"נ. הועתק בסידורו). 200) בפי' הסרוך (כבמ"א א, כא). 201) דניאל ד, כד. וראה אגה"ת פ"ג (צב, ב). 202) לקו"ש ה"י ע' 267 ובהערות שם. 203) שו"ת נחלה לישראל ס"י אות טז, ועוד. שדי חמד כללים מערכת מ' כלל קצח בסופו. 204) שבת צב, ב ואילך. רמב"ם הל' שבת פ"א הט"ז.

"זה אינו יכול וזה אינו יכול" און זיי האבן דאס אפגעטאן צוזאמען, ווערט דאס פארעכנט פאר יעדערן אז ער האט געטאן די גאנצע זאך[205].

נב. דעם תענית שעות האט "אגודת הרבנים" אויך מקשר געווען מיט אמירת כמה קאפיטלעך תהלים[206] ווי זיי האבן כפרסם געווען אין זייער מודעה און בדיוו.

און מסתמא וועט מען דאס פארבינדן (אזוי ווי בכמה ענינים פון הומ"צ) אויך מיט צדקה, הוספה בצדקה - ובפרט אז דאס קומט בקשר צו דער הוספה בתפלה (בקשה בנוגע להמצב וכו') אין יענעם טאג - איז דאך "יהיב פרוטה לעני והדר מצלי"[207];

און אויך מקשר זיין דאס מיט (א הוספה אין) לימוד התורה.

נג. ויה"ר אז עס זאל זיין ווי עס שטייט אין שו"ע[208] בנוגע לענין זה, אז גלייך ווען מ'איז מחליט וועגן דעם תענית, נאך איידער ס'איז דא דער תענית בפועל, איז דאס (ההחלטה) שוין פועל פעולתה ובטוב הנראה והנגלה.

ועאכו"כ נאך דעם תענית,

ובפרט אז א תענית איז דאך פארבונדן מיט צער פון א אידן, "מיעוט חלבו ודמו"[209] - איז דאך דאס אויך מצער, כביכול, דעם אויבערשטן, כמרז"ל[210] "בשעה שאדם מצטער שכינה מה לשון אומרת קלני מראשי קלני מזרועי", ובנדו"ד - מיטן צער פון א ריבוי אידן איז דאך על אחת כו"כ,

וועט דאס זיכער פועל זיין פעולתה אז "עוצה עצה ותופר", אין אן אופן פון "ותופר", וואס דאס איז א הפרה (בהיקון המצב) מעיקרא[211], און "דברו דבר ולא יקום", וואדום "כי עמנו א-ל"[198] - דער אויבערשטער איז מיט אונז, וואדום

- מיד -

------------

205) שעפ"ז חידוש גדול - שנחשב לכאו"א כאילו התענה כל התעניות הדרושים לתיקון המצב - עכ"פ לענין השכר ופעולת התענית (משא"כ בנוגע לקיום נדרו דבספר העניות, דכלשון בנ"א נודר). 206) והם: א, כ: כב, לה, לח, סט, עט, פג, פז, קל, קמב, קנ. 207) ב"ב י, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס צב. וראה אגה"ק ס"ה. סי"ב. הקדמה הסידור. 208) או"ח סתקע"א ס"ג. וראה תענית ח, ב. 209) ברכות יז, א. וראה אגה"ת פ"ב (צא, ב). 210) חגיגה טו, ב. סנהדרין מו, א במשנה. 211) שו"ע יו"ד סרל"ד סל"ז. וראה בהשמטה לשיחת י"ב אדר תשל"ט (נדפסה בלקו"ש ויקרא תשל"ט בסופו).

מיר זיינען איין זאך, כביכול, מיט דעם אויבערשטן.

ובפרט אז דאס איז פארבונדן מיט א ציבור, וואס אפילו בשעת ס'איז "חבור עצבים אפרים" איז "הנח לו"[212], און נאכמער, אז יוצאין למלחמה ונוצחין[213],

ועאכו"כ בשעת דער חיבור איז פארבונדן מיט אן ענין פון תומ"צ, תפלה, תענית און צדקה,

ובפרט אז דאס איז סיי א ציבור פון א"י, און סיי א ציבור פון "בבל", פון חו"ל (וואס בכמה ענינים ובראשם תפלה - איז דארטן דא ציבור[214]).

און אין אן אופן פון "אתם נצבים . . כולכם לפני ה' אלקיכם"[215], "לאחדים כאחד"[216], וואס דעמולט פועל'ט זיכער די תפלה (ועד"ז - דער תענית וצדקה[217]), וכמש"נ [218] "הן א-ל כביר ולא ימאס",

אז עס וועלן בטל ווערן אלע ענינים בלתי רצויים, און - אויך ענינים כהנ"ל וואס א רבים ווילן טאן, אדער וואס א יחיד וויל טאן.

און עס וועט זיין "אך טוב לישראל" [219] תמיד כל הימים, און מ'זאל ניט דארפן אנקומען צו ענייני תעניות וכיו"ב.

און עס וועט זיין ווי מ'האט ערשט געלייענט בתודה בציבור (ובברכה לפני' ולאחרי') "ונהתי גשמיכם בעתם גו'"[220], וואס דאס איז כולל אלע ענינים גשמיים[221],

און "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם" [222] וואס איז כולל אלע ענינים רוחניים,

"ונתתי שלום בארץ גו'"[223], ביז "ואולך אתכם קוממיות" [224] נאך זייענדיק אין גלות,

- און -

------------

212) הושע ד, יז. וראה ב"ר פל"ח, ו. 213) ראה הו"א ס"פ נח. הו"ח שם עד, סע"ד ואילך. אוה"ת שם (כרך ו') התרסט, סע"ב ואילך. 214) אף שבכמה ענינים אין ציבור בבבל - ראה צפע"נ לרמב"ם הל' ברכות פ"י הי"א. מהדו"ת צ, ב, ועוד (ע"פ פסחים נד, ב. ברכות נח, א). 215) ל' הכתוב - נצבים כט, ט. 216) לקו"ת ר"פ נצבים. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1141 ואילך. 217) ראה אגה"ק רסכ"ג: עסק התורה והמצוות בעשרה דוקא. 218) איוב לו, ה. ברכות ח, רע"א. שו"ע אדה"ז האו"ח סק"א ס"ה. 219) ל' הכתוב - תהלים עג, א. 220) פרשתנו (בחוקותי) כו, ד. 221) ראה רמב"ן עה"פ. וראה כש"ט סרנ"ו (לה, א). "היום יום" ס"ע צט. 222) פרשתנו שם, יב. 223) שם, ו. 224) שם, יג.

און "קהל גדול ישובו הנה"[225] - בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

נד. בנוגע צו דעם ביאור אין פרש"י אין די ענינים וואס מ'האט שוין גערעדט אמאל[179] - וועט מען זיך פארלאזן אויף דעם וואס מ'האט דעמולט גערעדט ובפרט אז ס'איז נעתק געווארן אין דער רשימה פון יענער התוועדות:

איצטער וועט מען נאר מבאר זיין פארוואס רש"י ברענגט פירושו בשם פון רבי שמעון (א ביאור וואס מ'האט דעמולט ניט גערעדט).

בא דעם בן חמש למקרא לייגט זיך אין שכל דאס וואס רש"י זאגט אים (אין פ' משפטים) אז דער פסוק איז מהדש אז דער אדון פון דעם עבד איז "חייב במזונות אשתו";

בשעת אבער רש"י זאגט אים (בפרשתנו) אז דער פסוק איז מחדש אז דער אדון איז חייב אויך "במזונות בניו" - לייגט זיך דאס ביי אים ניט.

[וואס דא קומט צו דרך אגב נאך א שאלה אין רש"י בפרשתנו:

רש"י זאגט אז "מכאן שרבו חייב במזונות בניו".

ולכאורה האט שוין רש"י געזאגט אין פ' משפטים אז "מגיד הכתוב שהקונה עבד חייב במזונות אשתו ובניו" - איז ווי זאגט ער בפרשתנו אז "מכאן שרבו חייב במזונות בניו"?].

והביאור בזה:

דער בן חמש למקרא זעט בפשטות בא זיך אין שטוב אז זיין מאמע פארנעמט זיך מיט עבודת הבית, זי איז מבשלת און מציעה את המטה וכו', און צוליב דער תועלת וואס איר מאן באקומט דערפון דארף ער איר שפייזן;

משא"כ בנוגע צו קינדער, איז ווי עס פירט זיך אין א נארמאלע שטוב ובפרט בא אידן, דארפן די קינדער גארניט ארבעטן, און אע"פ אז די עלטערן באקומען פון זיי ניט קיין תועלת (בשעת מעשה) - שפייזן זיי די עלטערן און גיבן זיי אלץ מן המוכן.

וואס דאס טוען עלטערן מצד זייער טבע, אדער מצד דעם כבוד אב ואם וואס די עלטערן וועלן דערנאך באקומען, אדער

- מצד -

------------

225) ירמי' לא, ח.

מצד דעם וואס די קינדער וועלן העלפן די עלטערן ווען זיי וועלן עלטער ווערן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

בשעת עס קומט צו א מעמד ומצב אז א איד ווערט אן עבד עברי, און ער דארף ארבעטן פאר אדונו, במילא קען ער ניט שפייזן זיין משפחה - איז בנוגע צו אשתו איז דא א סברא אז דער אדון זאל איר דארפן שפייזן, ווארום דער אדון האט פון איר א תועלת בשעת מעשה, דערפאר וואס זי ארבעט און העלפט איר מאן (דעם עבד);

ס'איז טאקע אויך דא א סברא אז בשעת איר מאן ווערט אן עבד זאל זי גיין אליין ארבעטן און זיך אליין שפייזן - קומט אבער דער פסוק און איז מחדש "ויצאה אשתו עמו - מגיד הכתוב שהקונה עבד עברי חייב במזונות אשתו",

וואס דאס לייגט זיך אפ אין שכל פון א בן חמש למקרא.

משא"כ אבער ווען רש"י זאגט בפרשתנו "הוא ובניו עמו - מכאן שרבו חייב במזונות בניו" - פרעגט דער בן חמש למקרא:

וואו איז דער יושר: דער אדון באקומט ניט קיין תועלת פון די קינדער, און אפילו די תועלת וואס די עלטערן באקומען פון די קינדער וועט דאס ערשט זיין שפעטער, נאך דעם וואס דער עבד וועט שוין ניט זיין קיין עבד בא דעם אדון,

ועד"ז באקומט דער אדון ניט קיין כבוד פון די קינדער, במכ"ש דערפון וואס אפילו דער עבד אליין איז אים ניט מחוייב מכבד זיין, ועאכו"כ אז דער אדון האט ניט בטבע צו וועלן שפייזן די קינדער (אע"פ אז ער באקומט פון זיי ניט קיין תועלת), ווארום ער איז ניט זייער פאטער -

איז פארוואס זאל זיי דער אדון דארפן שפייזן - ער האט קיינמאל ניט אנגענומען אויף זיך אזא זאך בשעת ער האט געקויפט דעם עבד?!

איי איז די שאלה: וואס וועט זיין מיט די קינדער -

איז דאך דאס ניט די אחריות פרטית פון דעם אדון; די אחריות איז אויף דעם אדון אזוי ווי אויף כלל ישראל, און (בפרט) אויף בית דין,

וואס דאס איז בדוגמא ווי אין א פאל אז א טאטע פארט אוועק למדינת הים, און די קינדער האבן ניט וואס צו עסן וכו', איז די אחריות אויף אלע אידן, ובפרט אויף ב"ד, צו זיי שפייזן.

נה. וואס די שאלה איז ניט קיין שאלה וואס וועט ווערן

- בפשטות -



הנחה הה' בלתי מוגה

בפשטות בא יעדן בן חמש למקרא, דאס איז א שאלה וואס וועט ווערן בא א תלמיד חריף בשעת ער וועט לערנען די רש"י.

וואס דערפאר איז רש"י ניט מתרץ די שאלה בגלוי אין זיין פירוש, ווארום דאס איז ניט נוגע צו יעדן בן חמש למקרא, ער איז דאס נאר מתרץ ברמז, דערמיט וואס ער לייגט צו אז דער לימוד "מכאן שרבו חייב במזונות בניו" האט געזאגט ר׳ שמעון:

ר׳ שמעון בן יוחאי זאגט אין מסכת ב"ב[226]: "כל שאינו מניח בן ליורשו הקב"ה מלא עליו עברה".

ד.ה. אז רשב"י האלט אז בשעת מ׳האט ניט קיין בן, איז ניט נאר אז עס קומט אן עונש פאר דעם וואס ס׳איז ניט געווען פרו ורבו - נאר דאס רירט אן א סאך טיפער, אז "הקב"ה מלא עליו עברה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך אין דעם צד החיוב - אז בשעת מ׳האט א בן האלט רשב"י אז מ׳באקומט ניט נאר דעם שכר פאר מקיים זיין די מצוה פון פו"ר, נאר דאס פועל׳ט אויך א שמחה בא דעם אויבערשטן, אז עס ווערט "באור פני מלך חיים"[227].

דערפון קומט אויס, אז שיטת רשב"י בנוגע צו דעם יחס פון אן אב מיט א בן, איז ניט נאר אז ער האט אים געבארן, נאר אין דעם איז דא א טיפערער קישור, ביז אז ס׳איז נוגע אין דעם עצם שלימות האב צו מניח זיין א "בן ליורשו", און אויב ער האט ניט קיין בן - פעלט אין אים אליין, אז "הקב"ה מלא עליו עברה".

ד.ה. אז א בן איז א חלק פון דעם אב.

וואס דאס איז דער לשיטתו פון רשב"י אויך אין אונזער רש"י - "אמר רבי שמעון . . מכאן שרבו חייב במזונות בניו":

וויבאלד אז דער בן איז א חלק פון אביו, איז אזוי ווי דער אדון איז מחוייב צו שפייזן דעם אב (דעם עבד), אזוי איז ער אויך מחוייב צו שפייזן דעם חלק האב וואס איז דא אין דעם בן.

און דאס איז כוונת רש"י מיט שרייבן "אמר רבי שמעון", בכדי צו מדמז זיין צו שיטת רשב"י בנוגע צו דעם יחס פון אן אב מיט א בן, און דערמיט פארענטפערן די שאלה פארוואס דער אדון איז מחוייב "במזונות בניו".

און אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט

- די -

------------

226) קטז, א. 227) ל׳ הכתוב - משלי טז, טו.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

די גמרא הנ"ל וועגן שיטת רשב"י - איז וויבאלד אבער ער איז
א תלמיד חריף, וואס האט זיך געכאפט אויף דער שאלה הנ"ל,
און ער זעט אז רש"י שרייבט אז דאס האט געזאגט ר' שמעון -
פרעגט ער בא רש"י וואס האט ר' שמעון געזאגט במקום אחר,
און רש"י זאגט אים די גמרא הנ"ל אין ב"ב [ועד"ז בכ"מ אין
זהר[228], וואו עס שטייט מיט נאך א שטארקערער חריפות בנוגע צו
איינעם וואס האט ניט קיין בנים].

נו. דער ביאור אין דעם זהר:

די הורה וואס ר' אלעזר האט געזאגט אויפן פסוק "ואף
גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים לכלתם",
אז אע"פ וואס אידן געפינען זיך אין גלות, אין "שוקא
דבורסקי", וואס דארטן איז א ריח רע, איז אבער וויבאלד אז
אידן זיינען א כלה להקב"ה איז אויך דארטן "לא מאסתים ולא
געלהים" - איז דאס שיטת רשב"י און ניט שיטת ר' אלעזר:

די גמרא[229] דערציילט אז ווען רשב"י און ר' אלעזר בנו
זיינען ארויס פון דער מערה, איז "כל היכא דהוה מחי ר"א
הוי מסי ר"ש" (ווי גערעדט אויך אין דער פריערדיקער
התוועדות[68]).

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק:

ר' אלעזר איז דאך געווען א גדול בישראל - איז ווי
האט ער זיך געקענט פירן אין אן אופן פון "מחי"?!

איז די הסברה בזה, אז ר' אלעזר האט געהאלטן אז רוקא
דורך אן ענין פון היפך הרפואה קען מען מתקן זיין א דבר
בלתי רצוי אין וועלט.

משא"כ רשב"י האט געזאגט[230] "יכול אני לפטור את כל
העולם כולו מן הדין" - איז אפילו אין אן ארט וואו "מחי
ר"א", "הוי מסי ר"ש".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די הורה אין זהר
אויפן פסוק "לא מאסתים ולא געלתים" איז מתאים מיט שיטת
רשב"י און ניט מיט שיטת ר' אלעזר:

דער מעמד ומצב אין וועלט ווען רשב"י און ר' אלעזר
בנו זיינען ארויס פון דער מערה איז געווען בדוגמא ווי דער
מעמד ומצב פון גלות, "שוקא דבורסקי",

און וויבאלד אז הנהגה רשב"י ארויסגייענדיק פון דער

- מערה -

228) ראה שערי זהר לב"ב שם. 229) שבת לג, ב.
230) סוכה מה, ב.

מערה איז געווען אין אן אופן פון "מסי" - איז פארשטאנדיק אז דאס איז מתאים מיט דער תורה אין זהר, אז אויך אין גלות, אין "שוקא דבורסקי" איז "לא מאסתים ולא געלתים";

משא"כ ר' אלעזר וואס הנהגתו ארויסגייענדיק פון דער מערה איז געווען אין אן אופן פון "מחי" - באווייזט אויף אן אנדער שיטה און צוגאנג בשעת אידן געפינען זיך אין גלות.

[אין גמרא זעט מען אויך אז שיטת ר' אלעזר איז אז עס דארף זיין "מחי":

די גמרא [231] דערציילט אז ר' יהושע בן קרחה האט געזאגט צו ר' אלעזר ברבי שמעון: "עד מתי אתה מוסר עמו של אלקינו להריגה", און ר' אלעזר האט אים געענטפערט: "קוצים אני מכלה מן הכרם", און ריב"ק האט אים צוריק געענטפערט: "יבוא בעל הכרם (הקב"ה[232]) ויכלה את קוציו"].

אבער אעפ"כ איז ר' אלעזר דער וואס האט געזאגט די תורה אין זהר, אז אויך ווען אידן געפינען זיך אין גלות איז "לא מאסתים ולא געלתים", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז כאטש שיטתו איז באופן אחר, האט ער איבערגענומען די שיטה פון זיין פאטער, ר' שמעון בן יוחאי.

און דערפאר ווען ר' יוסי האט געהערט אז ר' אלעזר האט געזאגט די תורה, ד.ה. אז כאטש זיין שיטה איז באופן אחר, "מחי", פונדעסטוועגן האט ער איבערגענומען די שיטה פון זיין פאטער, רשב"י, און האט געזאגט די תורה אויף "לא מאסתים ולא געלתים" -

איז דוקא דעמולט האט ר' יוסי געזאגט "בן יכבד אביו כגון ר' אלעזר".

נז. דער ביאור אין פרקי אבות, ובהקדם נאך א שאלה:

דער ענין פון פרקי אבות איז - מילי דחסידותא, ווי די גמרא זאגט אין ב"ק[233] אז "האי מאן דבעי למהוי חסידא" זאל ער מקיים זיין "מילי דאבות".

ד.ה. אז פרקי אבות לערנט א אידן ווי צו פירן זיך לפנים משורת הדין, און ווי צו מהדר זיין במצוות.

דארף מען פארשטיין: וואס איז דער ענין פון לפנים משורת הדין און הידור מצוה פון "בעשרה מאמרות נברא העולם" [נוסף לזה וואס דערפון ווייסט מען אז די וועלט איז אזוי

- באשאפן -

------------

231) ב"מ פג, ב. 232) פרש"י שם ד"ה יבוא בעל הכרם.
233) ל, א.

באשפן געווארן "להפרע מן הרשעים שמאבדין את העולם שנברא בעשרה מאמרות, ולתן שכר טוב לצדיקים שמקימין את העולם שנברא בעשרה מאמרות"].

נח. הביאור בזה (סיי ווי דאס איז בפשטות, און סיי ווי דאס איז ע"פ פנימיות הענינים):

יעדער איינע פון די עשרה מאמרות האט צוגעגעבן נאך א זאך אין דער בריאה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז יעדער איינע פון די עשרה מאמרות איז א באזונדער ענין אין עבודת האדם.

קען דאך א איד טענה'ן, אז ער וויל האבן צוטאן נאר מיט דעם מאמר וואס איז פארבונדן מיט קו שלו אין עבודה, און מיט שרש נשמתו, מיט אן ענין אין וועלכן ער האט א געשמאק, אדער א באקאנטשאפט,

וכידוע אז עס זיינען דא אידן וואס זייער עבודה איז פארבונדן מער מיט דעם קו פון "יששכר", און אידן וואס עבודתם איז פארבונדן מער מיט דעם קו פון "זבולון", דער קו פון "תלמידי חכמים", און דער קו פון "מארי עובדין טבין"[234], ביז אז עס זיינען דא צען סוגים אין עבודת ה', ווי עס שטייט אין תקוני זהר[235].

וואס די אלע סוגים זיינען בכללות פארבונדן מיט דעם מאמר פון "נעשה אדם בצלמנו כדמותינו"[236];

עד"ז זיינען דא אידן וואס זייער קו אין עבודה איז פארבונדן מיט די אנדערע מאמרות, וואס זיינען פארבונדן מיט וועלט:

עס זיינען דא אידן וואס זייער עבודה איז פארבונדן מיט דעם מאמר "תדשא הארץ דשא"[237] - זיי ארבעטן אין עבודת השדה, אין "תזרע שדך" און "תזמור כרמך"[238],

ועד"ז אידן וואס זייער עבודה איז פארבונדן מיט דעם מאמר "תוצא הארץ נפש חי' למינה בהמה ורמש וחיתו ארץ"[239] - זיי זיינען רועי בקר וכיו"ב.

ועד"ז בנוגע צו די אנדערע מאמרות, אז יעדער איינער האט זיין חלק בעולם וואס איז שייך לעבודתו,

- ביז -

---

234) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ח ע' 183 בהערות 23-24.
235) בהקדמה (א, ב ואילך). וראה תניא פי"ד (כ, א).
236) בראשית א, כו. 237) שם, יב. 238) פרשתנו (בהר) כה, ג. 239) בראשית שם, כד.

ביז, כאמור, די וואס זיינען פארבונדן מיט דעם מאמר "נעשה אדם בצלמנו כדמותינו" – וואס זייער עבודה איז בעיקר מיט בני אדם, אידן און גוים.

• במילא טענה'ט דער איד אז ער וויל האבן צוטאן בלויז מיט אכט מאמרות, אדער מיט צוויי מאמרות, אדער מיט איין מאמר – דער מאמר וואס איז במיוחד פארבונדן מיט קו עבודהו, און אנדערע זאלן טאן אין די אנדערע מאמרות.

איז טאקע מן הדין קען מען פון אים ניט מאנען צו טאן אין מער פאר דעם מאמר (אדער כמה מאמרות), וואס איז פארבונדן מיט קו עבודהו;

אבער מצד מילתא דחסידותא, וואס דאס איז ענינו פון פרקי אבות, מאנט מען פון אים אז ער זאל טאן אין אלע עשרה מאמרות.

נט. האמור לעיל איז בעיקר די עבודה וואס איז פארבונדן מיט וועלט, "בעשרה מאמרות נברא העולם".

דערנאך איז דא דער ענין העבודה ביי א אידן גופא, וואס דאס טיילט זיך בכללות אויף זיבן, כמבואר אין ספרי מוסר, און דער אלטער רבי איז דאס מבאר בארוכה[240], אז די שבעה נרות המנורה זיינען כנגד די ז' סוגים אין עבודת ה',

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם וואס דער עיקר ענין העבודה איז מיט די שבעה מדות.

וואס וויבאלד אז דאס זיינען זיבן באזונדערע סוגים אין עבודה, און זיבן באזונדערע מדות – איז ע"פ דין קען מען טאן נאר מיט איינע פון זיי, ע"ד האמור לעיל בנוגע צו די עשרה מאמרות;

אבער מצד מילתא דחסידותא מאנט מען אז עס זאל זיין די עבודה פון אלע שבעה סוגים צוזאמען, און די עבודה אין אלע שבעה מדות.

וע"ד ווי דאס איז אין דער מנורה, אז כאטש יעדערער פון די שבעה נרות איז א נר בפ"ע, איז די מנורה אבער געווען "כולה מקשה אחת זהב טהור"[241] –

איז עד"ז דארף דאס זיין בנוגע צו די שבעה סוגים אין עבודת ה', און בנוגע צו די שבעה מדות, אז די עבודה זאל זיין אין אלע זיבן צוזאמען.

- ס. -

------------

240) בלקו"ת ר"פ בהעלותך. 241) תרומה כה, לו.

ס. די צוויי ענינים הנ"ל, די עבודה פארבונדן מיט עשרה מאמרות, און די עבודה פארבונדן מיט שבעה – איז די עבודה אין וועלט, און די עבודה ביי א אידן (מיט זיך);

דערנאך דארף אבער זיין דער דריטער ענין – דער חיבור פון אידן מיט וועלט, ד.ה. ווי א איד גייט אויפטאן אין וועלט,

וכמדובר כמ"פ אז עס דארפן זיין דריי ענינים: די וועלט, דער איד, און דער חיבור ביניהם, ווי א איד פועל'ט אין וועלט.

וואס בכללות איז דער (דריטער) ענין (דער אויפטו פון א אידן אין וועלט) פארבונדן מיט דעם מושג פון ארבעה. והביאור בזה:

וועלט מצ"ע טיילט זיך אויף דריי, כמחז"ל[242] אז די וועלט איז באשאפן געווארן אין אן אופן וואס אירע דריי רוחות זיינען סתומות וגדורות און "רוח צפונית" איז געבליבן אפן, "רוח צפונית אינה מסובבת".

און די עבודה פון א אידן אין וועלט באשטייט אין "לעשות – לתקן"[243], ווערן א "שותף להקב"ה במעשה בראשית"[244], וואס אמיתית ענין השותפות איז – אז ער ווערט א שותף בכל נקודה ונקודה[245],

וואס דאס טוט ער אויף דורך דעריף וואס אין א וועלט וואס מצ"ע (מצד הבריאה) האט זי נאר דריי רוחות סתומות – מאכט ער אז אויך די רוח צפונית זאל זיין סתום, וואס דאס איז דער ענין אז פון א מ"ם פתוחה וואס איז סתומה מג' צדדים, זאל מען מאכן א מ"ם סתומה וואס איז סתומה מכל הד' צדדים[246].

סא. אין עבודה בפועל – איז דאס:

די רוח צפונית איז דער ענין פון "מצפון הפתח הרעה"[247], ד.ה. דער ענין פון וועלט וואס גיט אן ארט אויף אן ענין פון לעו"ז, "שוקא דבורסקי" (כנ"ל סמ"ו. סנ"ו).

און די עבודה פון דעם אידן איז – צו ארויסגיין אין – וועלט – .

---

242) ב"ב כה, ריש ע"ב. וראה לקו"ש חי"ד ע' 19 ובהערות שם. 243) ראה ב"ר פי"א, ו ובפרש"י שם. וראה או"ה בראשית (כרך ג) הקיד, א ואילך. 244) ראה שבת קיט, ב. ור[illegible] לקו"ש שם. 245) ראה לקו"ש ח"י ע' 267 בהערה. 246) ראה גם [illegible] זת ש"פ במדבר, י"ז אייר ש.ז. 247) ירמי' א, יד. וראה לקו"ת ר"פ הזריע.



הנחת הת' בלתי מוגה

וועלט, אין דעם "שוקא דבורסקי", און איבערמאכן די רוח צפונית וואס פון איר איז "תפתח הרעה", אז די זאל אויך זיין סתום[248].

קען דאך א איד טענה'ן:

אים איז גענוג צו זיצן בא זיך און לערנען תורה און מקיים זיין מצוות - צוליב וואס דארף ער ארויסגיין אין וועלט אויף איבערמאכן די רוח צפונית, בשעת דארטן איז דא אן ארט אויף ענינים פון לעו"ז, וואס קענען אים אראפפירן פון וועג?!

זאגט מען אים, אז ע"פ דין דארף ער טאקע ניט ארויס-גיין אין וועלט, ווארום די וועלט ווי זי איז מצ"ע באשטייט נאר פון דריי ענינים, ווי ער זאגט אין פרק א' פון פרקי אבות[249]: "על שלשה דברים העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים", און "על שלשה דברים העולם קיים כו'"[250], ובמילא קען דער איד זיצן בא זיך און טאן אין די דריי קוין פון וועלט, און ער דארף ניט ארויסגיין און טאן מיט דעם פערטן ענין - מאכן פון דער רוח הרביעית, די רוח צפונית, אז די זאל אויך זיין סתום;

משא"כ אבער מצד מילתא דחסידותא - איז אויך דא דער ענין הד', אז מ'מאנט פון אים אז ער זאל ארויסגיין' אין וועלט, און ווערן א "שותף להקב"ה במעשה בראשית", דורך איבערמאכן די רוח צפונית, אז די זאל אויך זיין סתום, וואס דעמולט האט מען א וועלט וואס איז סתום פון אלע אירע פיר צדדים, א "מ"ם סתומה".

[און אע"פ אז אין א פריערדיקע התוועדות[251] האט מען מבאר געווען דעם ענין פון "על שלשה דברים העולם עומד", און "על שלשה דברים העולם קיים" ע"פ מילתא דחסידותא, ד.ה. אז דער ענין פון שלשה איז פארבונדן מיט מילתא דחסידותא -

איז דאס אבער פארט "העולם עומד" און "העולם קיים" אויף דריי ענינים].

סב. א ביאור נוסף אין די דריי ענינים פון "עשרה", "שבעה" און "ארבעה":

"עשרה" איז פארבונדן מיט אלקות, ד.ה. אז אלקות שטעלט זיך אויס אין עשרה: עשר ספירות, עשרה מאמרות.

"שבעה" איז פארבונדן מיט דער בריאה, מיט וועלט, ד.ה.

- אז -

---

248) ראה זח"ג קעה, ריש ע"ב. 249) משנה ב. 250) משנה יח. 251) שיחת ש"פ שמיני, מבה"ח אייר סנ"ד ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

אז די בריאה שטעלט זיך אוים אין שבעה - שבעת ימי בראשית, וואס שבעה איז שלימות הזמן (גדר העולם[252]).

"ארבעה" איז פארבונדן מיט דעם אדם, ד.ה. אז דער אדם שטעלט זיך אוים אין ארבעה - מחשבה, דיבור, מעשה און דער אדם עצמו.

און אין די אלע דריי ענינים, אלקות, וועלט, און דער אדם - איז דא ווי זיי זיינען מצ"ע (דער מושג פון שלשה, כנ"ל), און דערנאך - דארף אין יעדערן פון זיי זיין דער ענין פון עבודה, וואס טוט אויף נאכמער שלימות אין דעם ענין ווי ער איז מצ"ע, וואס דאס איז דער מושג פון ארבעה, אז דער אדם העובד טוט אויף א שלימות אין דער זאך ווי זי איז מצ"ע, כנ"ל.

סג. והביאור בזה אין אלקות (דער ענין פון "עשרה"):

אלקות מצ"ע שטעלט זיך אוים אין עשר ספירות, כנ"ל; דערנאך ע"י עבודת האדם וואס מ'איז משבח דעם אויבערשטן איז מען מגלה און ממשיך נאכמער אלקות, ביז אז דורך דער עבודה ווערט "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[253].

דאס איז אבער נאר ווי די עבודה איז ע"ד הרגיל, וואס די עבודה איז פארבונדן נאר מיט קדושה;

דערנאך איז דא די עבודה וואס איז פארבונדן מיט מילהא דהסידוהא, אז ער האט אויך צוטאן מיט דעם ענין פון "ארבעה", די רוח צפונית וואס פון איר איז "תפתח הרעה". והביאור בזה ווי דאס איז אין אלקות:

לגבי אלקות מצ"ע איז דא א נתינת מקום אויף אן ענין פון לעו"ז, ווארום דארטן איז "כחשיכה כאורה", און ווי עס שטייט[254] "שממית בידים תתפש והיא בהיכלי המלך" - ד.ה. אז דארטן איז ניט תופס מקום קיין ענין, ובמילא קען פון דארטן יונק זיין לעו"ז, ווי עס שטייט[255] "אם תגביה כנשר גו'", וואס דאס גייט אויף עשו [וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "ארבעה" - ווארום עשו איז דער ענין פון גלות אדום, גלות הרביעית], וואס ער איז זיך מגביה צו יונק זיין פון די דרגא אין אלקות וואס דארטן איז "כחשיכה כאורה"[256],

און די יניקה איז אין אן אופן פון "שממית בידים

- תתפש" -

---

252) ראה שעהיוה"א פ"ז (פב, א). 253) תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ ויקרא א, ט. ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ פינחס כח, ח. 254) משלי ל, כח. 255) עובדי' א, ד. 256) בכ"ד - ראה תו"א וישלח כו, סע"א ואילך.



[illegible] מוגה

הנפש". וואס "שבכית" איז רער לעו"ז פון "שם' אין קדושה, ווארום אין איר זיינען צוגעקימען אותיות, וואס דאס איז ע"ד "כל [257] המוסיף גורע"[258].

איז ־שעת מ׳קומט צו א אידן און מ׳זאגט אים אז ער זאל ארויסגיין אין וועלט און האבן צוטאן מיט דער "שכמית" - טענה׳ט ער אז ער איז א תורה-איד, וויל ער גיין לויט די מדירות והגבלות פון תורה,

אז אזוי ווי עס דארף זיין "לא תגרעו"[259], אזוי דארף אויך זיין "לא תוסיפו"[259] - אז "דייך מה שאסרה לך התורה"[260], און מ׳דארף ניט מוסיף זיין און האבן צוטאן מיט דעם ענין פון "ארבעה", מיט מתקן זיין די רוח צפונית, ווארום וויבאלד אז פון דארטן איז "תפתח הרעה", דאס גיט א נתינת מקום אויף לעו"ז - קען דאס אים נאר שאטן בעבודתו אויב ער וועט האבן צוטאן מיט דעם, ד.ה. "כל המוסיף גורע".

איז מצד דין התורה - קען מען פון אים ניט מאנען ער זאל ארויסגיין און טאן אין וועלט;

אבער מצד מילתא דחסידותא, הנהגת החסידות - מאנט מען פון אים אז ער זאל ארויסגיין טאן אין וועלט, אפילו אז עס קען זיין אז דאס זאל אים שאטן - ווארום א חסיד פארבייגט אויף זיך, אפילו אויף רעם אייגענעם היזק, לטובה הזולת, כידוע רער ווארט פון דעם אלטן רבי׳ן[261], און די ראי׳ וואס ער האט געבראכט פון דער גמרא אין נדה[262].

סד. ע"פ המבואר לעיל איז פארשטאנדיק פארוואס אין פרק ה׳ פון פרקי אבות רעכנט ער אויס נאר ענינים אין דעם מספר פון עשרה, שבעה און ארבעה - ווארום דוקא אין דער עבודה וואס איז פארבונדן מיט די מספרים איז נוגע דער ענין פון "מילתא דחסידותא", וואס דאס איז ענינו פון פרקי אבות.

משא"כ די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט שאר המספרים, זיינען אן אנדער ענין אין עבודה, לדוגמא - די ענינים פארבונדן מיט מספר אחד, זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון אחדות ה׳, ועד"ז בנוגע צו שאר המספרים.

סה. און דערנאך קומט מען צו דעם סוף פון פרק ה׳ - "לפום צערא אגרא", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט די עבודה - האמורה -

------------

257) סנהדרין כט, סע"א. 258) אוה"ת וישלח (כרך ה) תתעה, ב (הגהות לתו"א שם). נ"ך ע׳ תרמד. 259) ואתחנן ד, ב. וראה לקו"ש חי"ד ע׳ 179 הע׳ 6-8. 260) ירושלמי נדרים פ"ט ה"א. 261) לקו"ד כרך א סח, א. 262) יז, א. וראה תוס׳ שם.

האמורה אין כילתא דחסידותא, פון ארויסגיין אין וועלט, אפילו אז דאס קען גורם זיין אן ענין פון "צערא",

און דוקא מצד דערויף וואס מ'גייט ארויס אין וועלט און ס'איז דא דער ענין פון "צערא" - ווערט דער "לפום צערא אגרא", אז מ'דערגרייכט צו א העכערע דרגא ווי מ'איז געשטאנען פאר דער עבודה פון מתקן זיין דער רוח הרביעית.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס "לפום צערא אגרא" איז בלשון ארמי, דלכאורה: רוב פרקי אבות, און אפילו אין דעם פרק גופא, איז אין לשון הקודש - איז פארוואס האט מען געשריבן "לפום צערא אגרא" אין לשון ארמי?

נאר ע"פ האמור לעיל איז דאס פארשטאנדיק:

דא וויל מען מדגיש זיין די עבודה מיט וועלט, וואס אין איר איז דא אן ארט פאר לעו"ז וואס קען מצער זיין א אידן - דערפאר שרייבט מען "לפום צערא אגרא" ניט אין לשון הקודש, וואס איז מדגיש דעם ענין הקדושה, נאר אין לשון ארמי, וואס איז א לשון פון וועלט, וואס דארטן איז דא אן ארט פאר לעו"ז, און דאס דארף א איד איבעדמאכן.

ובימינו אלו - איז דאס דער לשון פון אנגלית.

כו. דערנאך קומט מען צו "רבי חנני' בן עקשיא אומר, רצה הקב"ה לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תורה ומצוות שנאמר[263] ה' חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר".

וואס נוסף צו דעם פירוש הרמב"ם אין דעם[264], אז "המצוה בהיותם הרבה אי אפשר שלא יעשה אדם בחייו אחת מהם על מתכונתה ושלימותה ובעשותו אותה המצוה תחי' נפשו באותו מעשה", ד.ה. אז דער זכות פון "הרבה להם תורה ומצוות" וואס "רצה הקב"ה לזכות את ישראל" איז - אז דורך דערויף וועט א איד געווים מקיים זיין איינע פון די מצוות בשלימותה -

קען מען אויך זאגן ע"פ המבואר לעיל (סנ"ח ואילך), אז מצד מילתא דחסידותא דארף מען מאן אין אלע קוין פון עבודה - אז "רצה הקב"ה לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תורה ומצוות" איז בכדי אז א איד זאל מקיים זיין אלע מצוות, מצד מילתא דחסידותא, און דאס איז דער אויפטו פון "הרבה להם תורה ומצוות".

און דאס פועל'ט אז אויך דער שכר זאל זיין אין אן

- פֿן .. -

-------------

263) ישעי' מב, כא. 264) בפיהמ"ש ר"פ מס' מכות. וראה באורך לקו"ש חי"ש-פרקי אבות תש"ט.

אופן אז מ'האט אלע ענינים בשלימות - "יגדיל תורה ויאדיר", לימוד התורה אין אן אופן פון "דרוש וקבל שכר"[265], וואס דעמולט איז דאס לימוד התורה לשמה און בשלימות, ביז אין אן אופן פון "יגדיל" און "יאדיר", ע"ד ווי דאס איז געווען בא מתן תורה.

ובפרט אז דאס איז לימוד התורה בציבור, וואס דעמולט איז ע"ד הכדובר כמ"פ בנוגע צו חלוקת הש"ס וחלוקת המשניות - אז אויב איינער קען אליין נים מסיים זיין גאנץ ש"ס, און עס זיינען זיך אין דערויף מצטרף כמה וכמה, וואס כל אחד נעמט איין חלק, ווערט גערעכנט ווי יעדערער פון זיי האט מסיים געווען די גאנצע זאך, כנ"ל (סנ"א).

ועד"ז בנוגע צו דעם תענית שעות, ווי גערעדט פריער (שם).

סז. ויה"ר אז דאס אלץ זאל ברענגען די שלימות פון עשרה וואס וועט זיין לע"ל, ווי מ'געפינט כמה ענינים וואס זיינען איצטער אין זמן הגלות נאר אין דעם מספר פון תשעה, משא"כ לע"ל וועלן זיי זיין אין דער שלימות פון עשרה[266]:

ביז איצטער האט מען געהאט נאר תשע פרות אדומות, ועד"ז ט' שירות, ועד"ז ט' מנינים (כולל אויך דעם מנין וואס מ'גייט באלד ליינען אין פ' במדבר);

און לע"ל וועט זיך אויפטאן דער מנין העשירי, ווי עס שטייט [267] "עוד תעבורנה הצאן ע"י מונה"[268], און די פרה האדומה העשירית[269], און די שירה העשירית, וואס "אז ישיר משה"[270], ווארום "אהרן ומשה עמהם"[271],

בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

צוה לנגן ופרצת.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

— * —

------------

265) סנהדרין צא, א. ובכ"מ. וראה חולין סו, ב. 266) ראה אוה"ת שה"ש בתחלתו. נ"ך ע' שפב-שפג. 267) ירמי' לג, יג. 268) במדב"ר פ"ב, יא. 269) רמב"ם הל' פרה אדומה ספ"ג. 270) בשלח טו, א ובמכילתא עה"פ. 271) יומא ה, ב. וראה גם תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.

## יום ה' פ' במדבר, ערב ר"ח סיון ה'תש"מ*.
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –

א. אזוי ווי מען געפינט זיך אין דעם טאג פון ערב ר"ח סיון, ערב פון ראש חודש השלישי — דער חודש פון מתן תורה[1].

וואס בשנה זו האט מען קובע געווען אין דעם טאג א „תענית שעות", ביז נאך חצות.

וע"פ הידוע אויף וויפל א איד דארף זיין אויסגעהיט פון מצער זיין זיין גוף, ווארום דער גוף געהערט ניט צו אים נאר ער איז „קנין הקב"ה"[2] און דערי־בער איז „אין לאדם רשות על גופו כלל . . לצערו בשום צער אפילו במניעת איזה מאכל או משתה"[3],

ובפרט נאך אז דער צער פון א אידן איז מצער, כביכול, אויך דעם אוי־בערשטן[4], און וויבאלד אז יעדער איד איז בנו יחידו פון ממה"מ הקב"ה[5] — איז דאך פארשטאנדיק אויף וויפל דאס (דער צער פון דעם בן יחיד פון דעם מלך, און דער צער פון דעם מלך המצטער בצער בנו יחידו) איז (א צער) מבהיל.

איז בשעת אז למרות כל זה זיינען דא מצבים מיוחדים וואס ע"פ תורת חסד דארף מען אנקומען צו א תענית (כולל — צו א „תענית שעות"), וואס דאס איז דאך אן ענין פון צער, ובל' הגמרא[6] „מיעוט חלבו ודמו" — איז דאך זיכער אז דער תיקון און שכר וואס קומט ארויס דורך דעם איז א נפלא, למעלה מכל מדוה"ג, ביז אז ער איז א סך מער, שלא בערך, פון דעם צער המבהיל (פון דעם תענית).

ב. כל הנ"ל איז אפילו בנוגע צו א תענית („תענית שעות") פון א יחיד. ובפרט נאך אז דער תענית (היינט) איז נתקבל געווארן און דורכגעפירט גע־ווארן דורך כו"כ אלפים ורבבות פון בני ישראל און בנות ישראל

— סיי אין ארץ הקודש, „ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[7],

סיי אין חוץ לארץ וואו עס געפינט זיך דער רוב מנין און רוב בנין פון אידן (ביז די גאולה הקרובה ממש בעגלא דידן דורך משיח צדקנו, וואס דעמולט וועלן אלע אידן גיין אין ארץ ישראל) —

וואס עס קומט נאך צו זיין דעם דער זכות פון רבים און ציבור, און דער זכות פון דעם וואס אלע אידן פאראייניקן זיך און אין א פעולה וואס איז מיוסד אויף

---

*) יום זה נקבע מטעם גדולי הרבנים שליט"א ליום תענית שעות.

1) ובפרט עפמחז"ל (שבת פח, א) אוריאן תליתאי לעם תליתאי ע"י תליתאי ביום תליתאי בירחא תליתאי. וראה תנחומא יתרו י. באבער שם ח. ר"נ לשבת שם.

2) רמב"ם הל' רוצח ושמירת נפש פ"א ה"ד. רדב"ז הל' סנהדרין ספי"ח.

3) שו"ע אדה"ז חו"מ הל' נזקי גוף ונפש ודיניהם ס"ד.

4) וכמארז"ל (חגיגה טו, ב. סנהדרין מו, א במשנה): בשעת שהאדם מצטער שכינה מה לשון אומרת קלני מראשי קלני מזרועי.

5) כמאמר הבעש"ט (כש"ט — הוצאת קה"ת הוספות אות קלג. וש"נ): יעדער איד איז [illegible] דעם אייבער [illegible] בן זקונים וואס איז [illegible] [illegible] אין נאך טייערער.

6) ברכות יז, א. וראה אגה"ת פ"ב (צא, ב).

7) עקב יא, יב.

תורה (וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת מיט ר"ח סיון, כדלקמן (ס"ד)).

פועל'ט עס נאך מערער, אז עס זאל מוסיף זיין נאכמערער אין דעם תיקון און שכר וואס דארף ארויסקומען פון א תענית,

און וויבאלד אז תורה פסק'נט אז „המעשה הוא העיקר"[8] — וועט עס זיכער אראפקומען אויך במעשה בפועל, אין בני חיי ומזוני רויחי ברוחניות, און דערפון — אין בני חיי ומזוני רויחי בגשמיות (וועלכע ווערן נשתלשל פון ענינם ברוחניות — „שנשתלשלו מהן"[9]), און למטה מעשרה טפחים, און בטוב הנראה והנגלה.

ג. דערצו קומט צו נאך אן ענין:

דער אלטער רבי זאגט אין אגרת התשובה[10] אז אויך ווען מען פאסט „עד אחר חצות היום בלבד" איז „מיחשב ג"כ תענית בירושלמי[11]". וע"פ הידוע[12] אז יעדערווארט אין תניא איז בתכלית הדיוק, איז מובן, אז דאס וואס דער אלטער רבי איז מוסיף „בירושלמי" — אע"פ אז בכמה מקומות (— ברוב המקומות) בתניא[13] — ברענגט ער ניט דעם מראה־מקום[14] (סיידן וואו דורך דעם קומט צו אין ענין)[15] — איז עס (אויך) בכדי לרמז, אז דאס וואס א תענית „עד אחר חצות היום" איז „מיחשב ג"כ תענית", איז פארבונדן מיט דעם ענין פון „ירושלמי"[16].

ווי"ל הרמז, אז נוסף צו זכותים און מעלות הנ"ל, קומט נאך צו דער זכות און די מעלה פון „ירושלים"[17], (וואס ענינה איז) שלימות היראה[18].

אויך — מער כפשוטו — די מעלה פון (לימוד התורה באופן פון) תלמוד ירושלמי — אז דער לימוד איז מלכתחילה באופן ישר, מען דארף ניט אנקומען צו שקו"ט ארוכה וכו'[19],

ובדוגמא ווי פנימיות התורה וואס „לית תמן לא קשיא כו' ולא מחלוקת"[20],

וואס דאס איז א הקדמה און א הכנה און א מעין פון לימוד תורתו של משיח, בקרוב ממש.

ד. נוסף לכל הנ"ל, קומט נאך צו אויך דער זכות פון דעם יום זכאי[21] — ערב ר"ח. וואס אויך אין ערב ר"ח, ובפרט נאך חצות, איז שוין דא דער (מעין ה)זכות פון ר"ח. כמובן (אויך) פון דעם וואס ערב ר"ח צו מנחה זאגט מען

---

8) אבות פ"א מי"ז.

9) ראה תניא רפ"ג.

10) פ"ג (צג, א).

11) סנהדרין פ"ח ה"ב (קרוב לתחלתה).

12) ראה קצוה"ע לתניא ע' קיח ואילך. לקו"ש ח"ד ע' 1212 הע' 3. היום יום ע' לד.

13) וכבענין זה עצמו שזהו הציון היחידי (אף שכו"כ הוראות בו) וגם הוא — בלא ציון המסכתא כו' (דלא כדלעיל: פ"ק דזבחים . . פ"ק דתענית . . פ"ק דזבחים).

14) אין לומר דכוונתו דפליג אבבלי — דאז אין הלכה כירושלמי.

15) ראה לקו"ש ח"ט ס"ע 117 ובהנסמן שם בהע' 24.

16) וכן באגה"ק ס"ך (קלא, סע"א) — מעלות רשב"י ועניניו רובם הובאו דוקא בירושלמי.

17) ושייכות מיוחדת דזכות זה לענינינו (המצב באה"ק, שהוא מהסיבות דהתענית) — כי ירושלים היא עיר הבירה של (כל) ארץ ישראל, ו„עתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל" (ראה ילק"ש ישעי' רמז תקג).

18) ראה ב"ר פנ"ו, י. תוד"ה הר — תענית טז, א. לקו"ת ר"ה ס, ב. ובכ"מ.

19) ראה שערי אורה כב, ב ואילך. וראה גם המשך תרס"ו ע' צ ואילך. ובכ"מ.

20) זח"ג קכד, ב. נתבאר בארוכה באגה"ק סכ"ו. וראה המשך הנ"ל ע' צא, שאופן הלימוד דתלמוד ירושלמי הוא ע"ד מ"ש בזהר שם.

21) ראה תענית כט, א.

שוין ניט קיין תחנון, ווײַלע דער זכות פון ר״ח (וואס איז דא אויך בערב ר״ח) טוט אויף די ענינים וואס טוען זיך אויף דורך אמירת תחנון[22].

ובפרט נאך אז מצד דערויף וואס ס׳איז ערב ר״ח סיון — איז פאראן אין דעם טאג (ניט נאר דער זכות פון ר״ח בכלל, נאר) אויך דער זכות המיוחד פון ר״ח סיון, וואס „בחודש השלישי גו׳ ביום הזה (וואס גייט אויף ר״ח[23]) באו מדבר סיני גו׳ ויחן שם ישראל נגד ההר"[24], אז אלע אידן זיינען ביום הזה געווען „כאיש אחד בלב אחד"[25] און — אויף מקבל זיין די תורה[26],

וואס דאס האט דאך א שייכות מיוחדת צו דעם תענית שעות (שנקבע ליום זה), וואס כו״כ אלפים ורבבות מישראל האבן זיך פאראייניקט „כאיש אחד בלב אחד" אין א פעולה וואס איז מיוסדת אויף תורה.

• • •

ה. פון יעדער ענין דארף מען דאך ארויסנעמען א הוראה, און אין א מעשה בפועל, וואס „המעשה הוא העיקר" — איז דער „המעשה הוא העיקר" וואס מען דארף ארויסנעמען פון דעם „ויחן" לשון יחיד „כאיש אחד בלב אחד" וואס איז געווען בר״ח סיון בפעם הראשו־נה[27] (און אויך פון דער התאחדות פון אידן אין דעם תענית), איז —

צו דורכפירן בפועל די הוראה (פון רבותינו נשיאינו — פון דעם בעש״ט, פון דעם מגיד, פון דעם אלטן רבי׳ן און פון די נשיאים ממלאי מקומו) אין דעם ענין פון אהבת ישראל,

אז דער פירוש פון „ואהבת לרעך כמוך"[28] איז כפשוטו, אז מען דארף ליב האבן א צווייטן אידן אין דעם זעלבן אופן וואס מען האט זיך ליב[29] — „כמוך", וואס דאס איז אן אהבה אן מדידות והגבלות[30],

און אז דער ציווי פון „ואהבת לרעך כמוך" איז צו יעדער אידן, אפילו צו א אידן וואס געפינט זיך בקצוי תבל, וואס ער האט אים קיינמאל ניט געזען[31]. די איינציקע זאך וואס ער ווייס וועגן אים איז — אז ער איז א איד, און וויבאלד אז ער איז א איד — איז ער „רעך"[32], ובמילא ליגט אויף אים דער ציווי וחיוב פון „ואהבת לרעך כמוך",

---

22) ראה שיחת נר ה׳ דחנוכה תש״מ ס״ג ואילך (לקו״ש חט״ז ע׳ 546 ואילך).

23) שבת פו, ב. פרש״י עה״פ.

24) יתרו יט, א־ב.

25) פרש״י עה״פ.

26) וכלשון הכתוב „ויחן שם ישראל נגד ההר", ש„ויחן" (לשון יחיד) באיש אחד בלב אחד, הי׳ „נגד ההר", בכדי לקבל התורה*.

*) ראה רשב״ם עה״פ: נגד ההר — הנזכר למעלה. תעבדון את האלקים על ההר הזה.

27) וכמחז״ל: בכל המסעות כתיב ויסעו ויחנו, נוסעים במחלוקת וחונים במחלוקת, כיון שבאו כולם לפני הר סיני נעשו כולם חני׳ אחת, ההי״ד ויחן שם ישראל, ויחנו שם בני ישראל אין כתיב כאן אלא ויחן שם ישראל, אמר הקב״ה הואיל ושנאו ישראל את המחלוקת ואהבו את השלום ונעשו חני׳ אחת הרי השעה שאתן להם את תורתי (ויק״ר פ״ט, ט. דא״ז פ׳ השלום. וראה גם תנחומא באבער יתרו ט).

28) קדושים יט, יח. ובתו״כ (הובא בפרש״י עה״פ): זה כלל גדול בתורה. ויתירה מזו: זו היא כל התורה כולה — שבת לא, א.

29) ראה תניא פל״ב. ובכ״מ. וראה בארוכה קונטרס אהבת ישראל ע׳ 30 ואילך.

30) ראה ירושלמי נדרים פ״ט ה״ד (ובקה״ע שם). דרמ״צ מצות אהבת ישראל.

31) ראה היום יום ע׳ קי״ג. וראה קונטרס הנ״ל ס״ע 31.

32) כמבואר בתניא פ׳ לב.

און צו ארויסברענגען די אהבה אין א מעשה בפועל — ארויסהעלפן יעדער אידן, און משתדל זיין זיך בטובתו, סיי ברוחניות סיי בגשמיות.

ו. און וויבאלד אז „המעשה הוא העיקר״, איז נוסף צו דעם וואס יעדער איינער וועט איצטער זיכער מחליט זיין צו טאן אין (דעם מבצע פון) אהבת ישראל — וועט מען ניט יוצא זיין נאר מיט דער החלטה און מחשבה טובה, נאר עס וועט אראפקומען אויך אין א מעשה בפועל (אע״פ אז אויך די החלטה אין דעם איז אן ענין עיקרי[33]),

צו ארויסווייזן יעדער אידן א סבר פנים יפות[34], און ריידן מיט אים בדרכי נועם ובדרכי שלום, דברים המיוסדים על אהבה — און באופן אז יענער זאל מרגיש זיין די אהבה,

און אויך אין מעשה ממש, וואס דאס איז דער ענין עיקרי אין „המעשה הוא העיקר״ — אין טאן פעולות טובות, לטובתו של כל אחד ואחת מישראל.

ז. און וויבאלד אז מען שטייט אין דעם זמן פון ערב ר״ח סיון, וואס בכל שנה ושנה חזר׳ן זיך איבער[35] אלע ענינים וואס זיינען געווען בר״ח סיון בפעם הראשונה

— ובפרט דאן ווען מען דערמאנט די ענינים וואס זיינען דעמולט געווען, איז דאך ידוע דער פירוש האריז״ל[36] אויפן פסוק[37] „והימים האלה נזכרים ונעשים״, אז דורך דעם וואס מען דערמאנט עס ווי עס דארף זיין[38] (און ווי כ״ק מו״ח אדמו״ר איז מבאר[39], אז בשעת מען דערמאנט אן ענין כדבעי ברענגט עס אז מען לעבט דאס איבער פון־דאס־ניי) איז „נעשים״, טוט זיך אויף דער ענין נאכ־אמאל —

דערצו קומט נאך צו דער עת רצון מצד דעם תענית, וואס וויבאלד אז די קביעות התענית איז ע״פ תורה איז דאך דאס זיכער דער אמת׳ער „יום רצון״, ווי דער אלטער רבי ברענגט אין אגה״ת[40],

און נוסף אויף דעם זמן זכאי (ערב ר״ח סיון, און „יום רצון״) געפינט מען זיך אויך אין א מקום קדוש[41], אין א בית הכנסת — „מקום שמגדלין בו תפלה״[42], און אין א בית המדרש — „מקום שמגד־לין בו תורה״[42],

איז דאך זיכער, אז דער זכות פון דעם זמן און דעם מקום גיט צו נאכמער כח וסיוע צו אראפברענגען די אלע החלטות טובות (וואס מען מאכט בזמן זה ובמקום זה), במעשה בפועל, מקיים זיין בפועל כל החלטה והחלטה בעתה ובזמנה, און — בשלימותה בכל הפרטים.

• • •

---

33) כמובן גם מזה ש„נכון לומר קודם התפלה (הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת לרעך כמוך)״ — אדה״ז בסידורו (קודם „מה טובו״ — מכתהאריז״ל (שער הכוונות בתחלתו. פע״ח ש״ג ספ״ב. סידור האריז״ל במקומו)).

34) להעיר מדבר משנה „שמאי אומר . . הוי מקבל את כל האדם בסבר פנים יפות״ (אבות פ״א מט״ו).

35) כידוע הרא״י ממשנה (גיטין ספ״ג) יבהוצאת סמדר וכו׳ (סה״מ תש״ד ע׳ 13. ובכ״מ).

36) רמ״ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד״א פכ״ט.

37) אסתר ט, כח.

38) שזה שייך בזכרון כל ענין (פורים וכיו״ב). ובפרט במ״ת — מכיון שכל ישראל, גם „העתידים להבראות עד סוף כל הדורות״ היו במעמד הר סיני (פדר״א פמ״א. שמו״ר פכ״ח, ו. ובכ״מ).

39) לקו״ד כרך א קסד, א ואילך.

40) ספ״ב.

41) מקדש מ״עט (מגילה כט, א).

42) מגילה כז, א.

ח. א צווייטע נקודה פארבונדן מיט דעם טאג, ערב ר״ח סיון, וואס דעמולט „באו מדבר סיני״ צו מקבל זיין די תורה (כנ״ל), איז — דאס וואס בא מ״ת איז געווען „בנינו ערבים אותנו״[43], ׳די אידישע קינדער זיינען געווען די „גאראנטארס״ אויף מקבל זיין די תורה.

וואס דערפאר איז איצט אויך דער זמן ומקום המתאים אז די מדריכים און מדריכות, ולכל לראש — די פאטערס און מוטערס — זאלן מאכן החלטות טובות, אויף אויסנוצן די צייט ביז חג השבועות, זמן מתן תורתנו, צו רעדן מיט די קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, וועגן דעם ענין פון ערב ר״ח סיון, ר״ח סיון, ימי ההכנה צו זמן מתן תורתנו, ימי ההגבלה, זמן מתן תורתנו, און די תשלומין שלו ביז י״ב בסיון (ועד בכלל)[44],

ובכללות — רעדן מיט די קינדער וועגן דעם ענין פון מ״ת — וואס תורה איז, אז זי איז תורת חיים, תורת חסד און תורת אמת.

און מסביר זיין די קינדער, אז בזכותם, דורך זייער ערבות, האט מען געגעבן די תורה — בפעם הראשונה בצאת בנ״י מארץ מצרים:

ולאחרי זה גיט מען בזכותם די תורה בכל שנה ושנה מחדש אין זמן מתן תורתנו, ביז — בכל יום ויום מחדש[45], „בכל יום יהיו בעיניך חדשים״[46].

ט. און „והשיב לב אבות על בנים״[47]: די קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, ווארטן ניט ביז די עלטערן, און מדריכים און מדריכות, קומען צו זיי צוגיין און רעדן מיט זיי וועגן די דער־מאנטע ענינים —

נאר — בדוגמא ווי ס׳איז געווען „בהוציאך את העם ממצרים״[48], באם ארויסגיין פון מצרים, אז „הם הכירוהו תחלה״[49] — עד״ז איז אויך בא מ״ת, באם „תעבדון את האלקים על ההר הזה״[48], וואס קומט בהמשך און איז פארבונדן און משלים דעם „בהוציאך את העם ממצרים״[50],

אז די קינדער זיינען „תחלה״, זיי (הויבן אן —) גייען גלייך צו זייערע מדריכים און מדריכות, און צו זייערע פאטערס און מוטערס, און מאנען בא זיי אז מ׳זאל זיי דערציילן אלץ מערער און מערער וועגן דעם ענין פון תורה, און ווי אזוי מ׳דארף זיך גרייטן צו קבלת התורה, און ווי אזוי מ׳דארף איר דער־נאך מקבל זיין.

און זיי מאנען אז די גאנצע שטוב זאל איבערגעשטעלט ווערן אין די אלע טעג ביז סוף ימי התשלומין פון זמן מתן תורתנו, אין אן אופן אז דאס (די גאנצע שטוב) זאל דורכגענומען ווערן מיטן ענין פון מ״ת און קבלת התורה, וואס איז פארבונדן מיט הקדמת נעשה לנשמע.

---

43) שהש״ר פ״א, ד.

44) סידור אדה״ז לפני ובא לציון.

45) ראה תו״א יתרו סז, ב. לקו״ת תזריע כג, א. ובכ״מ.

46) פרש״י עה״פ תבוא כו, טז. וראה ספרי (הובא בפרש״י) עה״פ ואתחנן ו, ו. פרש״י עה״פ יתרו שב, א.

47) מלאכי ג, כד. ובפרש״י שם: ע״י בנים.

48) ל׳ הכתוב — שמות ג, יב.

49) סוטה יא, ב. שמו״ר פ״א, יב.

50) ראה פרש״י עה״פ (משמו״ר פ״ג, ד): ושאלת מה זכות יש לישראל שיצאו ממצרים, דבר גדול יש לי על הוצאה זו, שהרי עתידים לקבל התורה על ההר הזה כו׳.

י. יעדער ענין דארף מען אפטייטשן בנוגע און אין א מעשה בפועל:

אין די טעג צווישן איצטער (ערב ר״ח) מיט חג השבועות, זמן מתן תורתנו — זאָלן זיך צונויפקומען... זאָלן זיך צוזאמענקלייבן, עכ״פ איין מאָל, ומה טוב — צוויי מאָל, ילדי ישראל סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, אין א מקום המתאים און זמן המתאים,

אנהויבנדיק פון צוזאמענקלייבן זיך אין די מוסדות וואו זיי לערנען תורת ה׳.

און מכריז זיין און מקבל זיין אויף זיך הקדמת נעשה לנשמע (וואס דאס איז דאך געווען פאר מ״ת[51]),

ועד״ז (בהכרזה וקבלה טובה) צו־גרייטן זיך צו זמן מתן תורתנו, מיט די אלע הכנות ווי עס ווערט דערציילט אין פ׳ יתרו[52] ווי אזוי אידן האבן זיך גע־גרייט צו מ״ת אנהויבנדיק פון „בחודש השלישי ביום הזה״, וואס דאס גייט אויף ר״ח סיון, ביז צו דעם טאָג פון מ״ת און קבלת התורה בפועל.

יא. און אין ארץ הקודש — וועט מען זיכער צוזאמענקלייבן אינגעלעך און מיידעלעך באם כותל המערבי, און בא נאך מקומות הקדושים — במיוחד.

און זיכער וועט מען אויך באקומען א רשיון, און מ׳וועט דאס קענען טאָן, ביתר שאת ויתר עוז, בא מערת המכפלה, אין עיר חברון, די עיר האבות, פון די אבות העולם, אברהם יצחק ויעקב, און פון די אמהות[53], שרה רבקה ולאה,

[וואס דאס איז במיוחד פארבונדן מיט דעם תענית שעות, וואָרום דער תענית איז (אויך) פארבונדן מיט די מאורעות וואס האבן געטראפן אין עיר חברון],

און וויבאלד אז רחל אמנו איז ניט אין מערת המכפלה, נאָר אין א מקום מיוחד, לטובתם של ישראל וואס געפינען זיך אין גלות, כמסופר במדרשי חז״ל[54] — זאָל מען אויך צוזאמענקלייבן קינדער באם קבר רחל אמנו (אויף צו משלים זיין און מעורר זיין און ממשיך זיין דעם זכות פון אלע פיר אמהות).

יב. דערנאָך אין דעם טאָג פון חג השבועות זאָל מען זען צוזאמענקלייבן אלע קינדער[55], סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, אין די בתי כנסיות (א מקום קדוש), בשעת קריאת התורה (בציבור ובברכה לפני׳ ולאחרי׳) פון די עשרת הדברות,

ביז אין אן אופן אז אלע בתי כנסיות זאָלן זיין אנגעפילט דעם חג השבועות בשעת קרה״ת פון עשה״ד — מיט קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידע־לעך.

און זיי זאָלן אלע צוזאמען (מיט זייערע פאטערס און מוטערס)[56] הערן די עשה״ד, אנהויבנדיק פון „וידבר אלקים את כל הדברים האלה לאמר״[57],

---

51) ראה פרש״י עה״פ משפטים כד, ד.

52) יט, א ואילך. וראה שו״ע אדה״ז או״ח סו״ס תצד. וראה בארוכה לקו״ש חי״ג ע׳ 135 ואילך.

53) והרי כל בן ישראל הוא בן אברהם יצחק ויעקב (ב״מ פג, א), וכל בת ישראל היא בת שרה רבקה רחל ולאה (ברכות טז, ב).

54) ראה ב״ר פפ״ב, י. פרש״י עה״פ ויחי מח, ז.

55) ע״ד (— הוראה הנלמדת מ)סיפור כ״ק מו״ח אדמו״ר (סה״ש תש״ה ע׳ 100 ואילך), שהמלמד אמר לכל תלמידי החדר בערב חגה״ש „קינדערלעך קומט איך וועל אייך פירן צו מ״ת״. והוסיף אשר בחגה״ש יבואו בהשכמה לביהמ״ד לקבלת התורה.

56) אף שכמובן בפשטות — אלה בעזרת אנשים ואלו בעזרת נשים וכמקרא מלא שדיבר הכתוב: אתם נצבים היום כולכם (לאחדים כאחד) . . ראשיכם . . כל איש ישראל טפכם נשיכם . . שואב מימיך (ר״פ נצבים) — שבודאי לא היו בערבוביא. וראה פרש״י דברים א, כב.

57) יתרו כ, א.

אויך ווי דער אפטייטש אין דערויף[58] אז דער אויבערשטער האט גערעדט די עשה״ד אין אן אופן, אז יעדער איד איז דערביי, און — „לאמר" — זאגט דאס דערנאך איבער, ובפרט בכל שנה ושנה ווען מ׳לייענט דאס בתורה, ועאכו״כ ווען מ׳לייענט דאס אין זמן מתן תורתנו.

און זיכער וועלן די קינדער ניט מבלבל זיין צו קריאת התורה, ואדרבה — זיי וועלן נאך פארשטארקן די יראת ה׳ און יראת התורה,

ביז — בלשון הידוע[59] — „מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע [וואס דאס איז כנגד די ד׳ אותיות פון שם הוי׳, ווי עס שטייט אין כתבי האריז״ל[60]] אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע" —

אז בשעת מ׳לערנט תורה בכלל, בכל זמן[61], ובפרט ווען מ׳לייענט די עשה״ד ובחגה״ש, און אין א מקום קדוש, ובציבור במעמד כמה עשיריות מישראל, ובהקדמת ברכה לפני׳ ולאחרי׳ — איז דאס ביתר שאת וביתר עוז, פונקט[62] ווי דאס איז געווען בשעת מ״ת גופא.

יג. בהתאם צו דער קריאה פון היינטיקן טאג[63], יום החמישי דפ׳ במדבר, אז „לגיון של מלך"[64], וואס דאס איז שבט לוי — האט מען אנגעהויבן ציילן „מבן חודש ומעלה"[65] און נאכמער — אז „למוד הוא אותו השבט (שבט לוי) להיות נמנה מן הבטן"[66] —

איז אויך כדאי (אויב דאס רירט ניט אן דעם געזונט פון די קינדער) — אז בחגה״ש בשעת קרה״ת פון די עשה״ד זאלן אויך זיין קינדער „מבן חודש ומעלה",

און די וואס ווילן — אפילו פון נאך פריער,

כדי אז בא מ״ת פון שנה זו זאלן זיין פון „ראשיכם שבטיכם" ביז „חוטב עציך" און „שואב מימיך", כולל „כל איש ישראל", ואפילו „טפכם"[67], קטנים וקטנות.

יד. די שייכות פון אלע קטנים וקטנות מישראל (בזמן הזה) צו „לגיונו של מלך", וואס גייט אויף שבט לוי — איז:

אזוי ווי שבט לוי איז „לגיון של מלך" פון צווישן אלע אידן, „בתוך בני ישראל"[68] — עד״ז בשעת מ׳געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס מ׳איז א „כבשה אחת בין שבעים זאבים"[69] — זיינען אלע אידן „לגיונו של מלך"[70] לגבי אוה״ע וואס געפינען זיך אין וועלט, ובלשון הכתוב (אין דער התחלה פון היינטיקער סדרה — בכל השבטים)[71] „כל יוצא צבא בישראל".

ובמילא, איז אזוי ווי שבט לוי איז „למוד" אז מ׳זאל אים אנהויבן ציילן „מבטן", ועאכו״כ „מבן חודש ומעלה"

58) תר״א יתרו סז, ב. לקו״ת שה״ש מב, סע״א.

59) ברכות כב, א.

60) לקוטי הש״ס שלו מס׳ מו״ק.

61) ראה תו״א שם.

62) שלכן נצטווינו מה להלן (בשעת מ״ת) — אף כאן (תו״א שם).

63) להעיר מתורת אדה״ז (היום יום ע׳ קא. סה״ש תש״ב ע׳ 29 ואילך): מען בעדארף לעבן מיט דער צייט . . מיט דער פרשת השבוע און פרשת היום פון דער סדרה פון דער וואך.

64) פרש״י עה״פ פרשתנו א, מט.

65) פרשתנו ג, טו.

66) פרש״י עה״פ.

67) ל׳ הכתוב — נצבים כט, ט־י.

68) ל׳ הכתוב — פרשתנו א, מט. ועוד.

69) ראה אסת״ר פ״י, יא. תנחומא תולדות ה.

70) ע״ד שנקראו בעת ומעת יצ״מ „צבאות הוי׳" (בא יב, מא).

71) פרשתנו א, ג.

— עד״ז בנוגע צו דעם „לגיון של מלך״ אין וועלט, דער אידישער פאלק — איז מען אויך כולל די קינדער אלס חלק פון „כל יוצא צבא בישראל״.

און אע״פ אז בנוגע צו צבא כפשוטו דארף מען האבן „מבן עשרים שנה ומעלה״[72], וואס בן עשרים לכח[73] — איז דאס בנוגע צו צבא כפשוטו בגשמיות:

בנוגע צו צבא ברוחניות ובפנימיות — איז דאס כולל אלע קינדער תיכף ווי זיי זיינען געבארן געווארן.

ובפרט לאחרי חורבן בית המקדש — אין „קלקלתו זוהי תקנתו״[74], גלייך ווי א אידיש קינד ווערט געבארן איז ער גלייך א „יוצא צבא בישראל״.

ווארום ער איז א קינד אויף וועמען מ׳זאגט „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב״[75] — א יורש ווערט מען גלייך ווי מ׳ווערט געבארן, ברגע הראשון ווען יצא לאויר העולם[76], און מען איז יורש די גאנצע תורה וואס „צוה לנו משה״, כמדובר כמ״פ.

און אין דעם ענין פון ירש׳נען גאנץ תורה איז יעדער איד ווי א בן יחיד בא דעם אויבערשטן דער נותן התורה, ווי רבותינו נשיאינו זאגן[77], און יעדע בת ישראל איז ווי א בת יחידה[77] בא דעם נותן התורה, און א בן יחיד אדער א בת יחידה איז יורשים הכל.

טו. האמור לעיל בנוגע צום צוזאמענקלייבן אלע קינדער בחגה״ש אין בית הכנסת צו הערן קריאת התורה פון די עשרת הדברות — דארף מען זיך דערצו שוין גרייטן אין די טעג פאר חג השבועות, אנהויבנדיק פון ר״ח סיון.

און דאס דארף זיין אין אן אופן פון „הם הכירוהו תחלה״ (כנ״ל): די קינדערלעך זאלן זיך שוין גרייטן, פון ר״ח סיון אן — צו דעם מעמד ומצב וואס וועט זיין בחג השבועות.

ועד״ז זאלן די קינדער צוגרייטן זייערע עלטערן צו דעם.

און אין אן אופן אז דערנאך בשעת עס וועט קומען די קריאה פון די עשרת הדברות בחג השבועות — וועלן די אלע צוגרייטונגען דערצו זיין ניכר אין דעם אופן ווי זיי אלע וועלן הערן די עשרת הדברות[78].

און צוזאמען מיט די החלטות טובות וואס מ׳האט געמאכט לפני חג השבועות ובזמן השמיעה פון קריאת התורה (ובפרט פון די עשרת הדברות) — זאלן אויך זיין החלטות טובות אין די ימי התשלומין, וואס זיי זיינען אלע ימים זכאים וואס זיינען מוסיף אין דער הצלחה, ובעיקר — אז די אלע החלטות טובות זאלן אראפקומען בפועל.

טז. און דורך דעריויף וואס אלע אידן, כולל קינדער, וועלן זיך צוזאמענקלייבן בחג השבועות צו הערן די עשרת הדברות, וועט מען האבן „שלימות העם״, דעם גאנצן אידישן פאלק צוזאמען — „כאיש אחד בלב אחד״.

וואס דאס פארענטפערט אויך ווי אזוי מ׳קען פארלאנגען און זיכער האפן (כנ״ל ס״ה־ו) אז אהבת ישראל הנ״ל

72) שם.

73) ראה רמב״ן עה״פ.

74) ע״ד ל׳ חז״ל שבת פט, ב. ירושלמי תענית פ״ב ה״א.

75) ברכה לג, ד. וראה סוכה מב, א. הל׳ ת״ת לאדה״ז בתחלתו. ושי״נ.

76) ראה נדה מד, רע״א.

77) שלכן מותרת ללמוד כל ענין שבתורה ואין בזה משום „מורשה״ של אחר (ראה סנהדרין נט, א).

78) כהמנהג בכו״כ בתי כנסיות אשר „בשעת קריאת עשה״ד עומדים ופניהם אל הס״ת״ (הבימה).

וועט זיין באמת לאמיתו, עס איז דאך „אין דיעותיהן שוות"[79] —

וואָרום מ'איז מדגיש אַז דאָס איז „בלב אחד", וואָס לב ישראל איז ער הוא להקב"ה לתורתו ולמצוותיו[80], בא יעדער איד און ביי אַלע אידן,

כפס"ד הרמב"ם הידוע[81], אַז יעדער איד, אין וועלכן מעמד ומצב ער זאָל זיך נאָר געפינען, וויל מקיים זיין, ובפועל — רצונו של הקב"ה.

וכתורת אדה"ז, אַז אַ איד ניט ער וויל ניט ער קען זיין אָפּגעריסן ח"ו פון געט־לעכקייט[82].

וואָס דער רצון האמיתי פון אַ אידן איז דאָ גלייך ווען די נשמה קומט אַראָפּ אין גוף, גלייך ווען יצא לאויר העולם, און דער רצון איז אויך פועל במעשה בפועל.

• • •

יז. האמור לעיל איז פאַרבונדן מיט אַלע אידן, וואו זיי זאָלן זיך נאָר גע־פינען.

וואָס דערפאַר איז אויך מתאים אַז מ'זאָל דאָס גלייך איבערגעבן אויך צו די אידן וואָס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל.

און „מצוה בו יותר מבשלוחו"[83] — וועל איך דאָס דערפאַר אויך זאָגן אין דער שפּראַך וואָס זיי (די רוסישע אידן וואָס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל) דאַרפן ניט האָבן קיין איבערזעצונג, קיין שליח ומליץ בינותם.

יח*. שטייענדיק ערב אונזער יו"ט חג השבועות — זאָלן אַלע אידישע קינדער, וואו זיי זאָלן זיך נאָר געפינען, ווענדן זיך צו זייער פאָטער אָדער מוטער, זיידע אָדער באָבע, אָדער צו אַלעמען פון זיי,

און בעטן און מאָנען, ביז זיי וועלן דאָס אויספירן —

אַז אַנהויבנדיק פון ראש חודש סיון, זאָלן זיך אָנהויבן די הכנות צו קבלת התורה בחגה"ש זמן מתן תורתנו פון דעם רבונו של עולם, דעם אויבערשטן אַליין.

די הכנות דאַרפן כולל זיין אַ פעסטע החלטה צו מקיים זיין אַלע מצוות פון אונזער הייליקער תורה, און אין אַן אופן פון הקדמת נעשה לנשמע — ניט פרעגנדיק צוליב וואָס מען דאַרף דאָס, ניט פרעגנדיק וואָס וועט מען דערפאַר באַקומען.

און וויבאַלד אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן, פון דעם אויבערשטן אַליין, צו יעדן אידן, און צו יעדן אידישן קינד, אינגעלע אָדער מיידעלע —

קען מען זיין זיכער אַז די קינדער וועלן בעטן, און אויספירן, אַז אָנהויבנ־דיק פון ערב ראש חודש סיון וועט יעדער פאָטער און מוטער, יעדער זיידע און באָבע, לערנען מיט זיי, און דורך דערויף מוסיף זיין אין זייערע ידיעות אין תורה און אידישקייט.

יט. די אידישע קינדער דאַרפן אויך בעטן זייערע [illegible] ערן, אַז אין טאָג פון חג השבוע[illegible] יי אַלע צוזאַמען גיין אין שול,

וואָס די געזעצן פון ראַטן־פאַרבאַנד, גאַראַנטירט דורך דער קאָנסטיטוציע,

*) ב' סעיפים הבאים (יח־יט) הם תרגום מרוסית.

79) ראה ברכות נח, א. ובכ"מ.
80) ראה יל"ש עה"פ שה"ש ה, ב (רמז תתקפח).
81) הל' גירושין ספ"ב.
82) ראה סה"מ תש"י ריש ע' 115. ובכ"מ.
83) קידושין מא, א. ועוד.

ערלויבן גיין אין שול די אַלע וואָס ווילן דאָרטן דאַווענען, אָדער הערן קריאת התורה.

נאָך מער: די שומרי הסדרים (די „מיליציע״) דאַרפן אַכטונג געבן, אַז קיי־נער זאָל ניט וואַגן צו שטערן גיין אין שול, זיין אין שול, הערן קריאת התורה און דאַווענען, און אויך קיינער זאָל ניט שטערן דעם אומקערן זיך פון דאָרטן רואיקערהייט און פריילעכערהייט, אין אַ יו״ט׳דיקער שטימונג.

און חג השבועות, דורכגעפירט אין שול, וועט פאַראייניקן די הערצער פון די עלטערן און די קינדער, און זיי אויך פאַראייניקן מיט אונזער גאַנצן פאָלק אין אַלע לענדער פון דער וועלט.

און אַלע וועלן דערפילן און זיין דורכגעדרונגען מיט דעם פאַרשטאַנד, אַז אידן זיינען אַן עם אחד, פאַראייני־ציקט מיט תורה אחת, וועלכע איז געגעבן געוואָרן פון ה׳ אחד, איצטער, און אויף לעולם ועד, און אומעטום.

• • •

כ. ויהי רצון, אַז די אַלע החלטות זאָל מען אָננעמען נאָך אין ערב ר״ח סיון לאחרי חצות היום, צוזאַמען אויך מיט דער החלטה אויף צדקה בכלל,

און מוסיף זיין אין צדקה דהיום (תענית), בדוגמא ווי מ׳האָט מוסיף געווען אין בקשות תפלות און אמירת מזמורי תהלים, און זיכער — אויך אין דברי תורה (אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם תענית שעות).

און די הוספה וואָס יעדער איד און אַלע אידן זיינען מוסיף בכל ענינים אלה,

וואָס דאָס איז מיוסד אויף אהבת ישראל, „ואהבת לרעך כמוך״, וואָס אהבת ישראל איז „כולא חד״ מיט „ואהבת״ את ה׳ אלקיך״[84], וואָס דאָס איז כללות כל המצוות עשה[85], כולל אויך די מ״ע פון „את ה׳ אלקיך תירא״[86], וואָס זי איז כללות כל המצוות לא תעשה[87] —

האָט מען אין דערויף די גאַנצע תורה, מיט אַלע מצוות, כולל אויך מצות לימוד התורה, און (לימוד[88] מביא לידי) מעשה.

כא. און מעשינו ועבודתינו, נאָך זיי־ענדיק איצטער אין גלות, און אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות

— וואָס דער חושך געפינט זיך נאָר אין גאַס, אָבער „לכל בני ישראל הי׳ אור במושבותם״[89], און יהי׳ אור במושבותם, און אויך כפשוטו — בבני חיי ומזוני רויחי בפשטות (כנ״ל) —

וועט נאָכמער מזרז זיין און מקדים זיין און אַראָפּברענגען די גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו.

ובפרט אַז מ׳איז שוין אַריין אין „בחודש השלישי גו׳ ביום הזה באו מדבר סיני גו׳ ויחן שם ישראל נגד ההר״,

ווי חז״ל[90] זאָגן אַז דעמולט, באַם מעמד הר סיני, זיינען אויסגעהיילט גע־וואָרן אַלע זאַכן וואָס האָבן געדאַרפט האָבן אַ רפואה בגשמיות,

---

84) ואתחנן ו, ה.

85) סה״ש הש״ת ע׳ 3.

86) כי האהבה היא שרש לכל רמ״ח מ״ע והיראה היא שרש לכל שס״ה מל״ת (תניא רפ״ד). וראה פי׳ להרמב״ם הל׳ יסוה״ת רפ״ב.

87) ואתחנן ו, יג.

88) ראה קידושין מ, ב. הל׳ ת״ת לאדה״ז פ״ג ס״ג־ד.

89) בא י, כג.

90) תנחומא יתרו ח. במדב״ר פ״ז, א. וראה גם מכילתא (הובא בפרש״י) עה״פ יתרו כ, טו. ובכ״מ.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בפשטות — אז עס זיינען (אויך) אויסגעהיילט געווארן די אלע ענינים ברוחניות, „שנשתלשלו מהן״,

וואס דערפאר האבן דעמולט אלע אידן געזאגט נעשה קודם לנשמע,

און אלע אידן „כאיש אחד בלב אחד״, זיינען געשטאנען (אנהויבנדיק פון ר״ח סיון) „נגד ההר״, הר סיני[91].

און דערנאך האבן אלע אידן מקבל געווען די תורה בזמן מתן תורתנו,

ובהקדמה לזה, האט מען מכתיר געווען אלע אידן מיט „שני כתרים אחד כנגד נעשה ואחד כנגד נשמע״[92], וואס א כתר באוויזט דאך אויף מלכות[93].

כב. וואס דערפון האט מען די הוראה — אז יעדער איד דארף דערפילן ניט נאר אז „כל ישראל בני מלכים הם״[94], נאר אויך אז „מלכים הם״ (ווי עס שטייט אין הקדמה פון תקו״ז[95]),

און במילא וועט ער זיך פירן אין אלע זאכן וועלכע זיינען פארבונדן מיט אידישקייט ווי א מלך דארף זיך פירן — גיין „קוממיות — בקומה זקופה״[96], נאך זייענדיק אין ימי הגלות.

און דאס וועט אראפברענגען במהרה בימינו ממש דעם גילוי פון „והיתה לה׳ המלוכה״[97] והי׳ ה׳ למלך על כל הארץ ביום ההוא יהי׳ ה׳ אחד ושמו אחד״[98] [ווי מ׳האט ערשט מסיים געווען אין תפלת מנחה, וואס תפלת מנחה איז דאך די תפלה הכי יקרה וחשובה, ווי די גמרא זאגט אין (מסכת) ברכות[99]].

און דאס וועט ממשיך זיין כל ברכות ה׳, בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד,

כולל אויך — מקבל זיין אויף זיך אלע החלטות טובות, כולל די החלטות האמורות לעיל.

ביז אז עס זאל אראפקומען דער טוב האמיתי והעיקרי — דער טוב וואס יעדער איד האפט בכל יום אויף דערויף — ביאת משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

---

91) ראה כלי יקר עה״פ.

92) שבת פח, א.

93) ובלי הידוע „הכתרת מלך״. — וראה מג״א (ו, י״א ובפרש״י שם) שהכתר לא ניתן כ״א רק הסוס והלבוש. אבל ראה רמב״ם הל׳ מלכים רפ״ב (וה״ה שם) — מתוספתא סנה׳ פ״ד ה״ב. ירושלמי שם פ״ב ה״ו. ועוד — דאינו מחלק בין כתר לסוסו וכל כלי תשמישיו. — וראה תו״א מג״א צא, סע״ב ואילך, ואוה״ת שם (בהוספות).

94) שבת סז, א.

95) בתחלתה.

96) בחיקותי כו, יג. תו״כ (הובא בפרש״י) עה״פ.

97) עובדי׳ א, כא.

98) זכרי׳ יד, ט.

99) ו, ב. וראה בארוכה ד״ה לעולם יהא אדם זהיר בתפלת מנחה כו׳, תרצ״א (סה״מ קונטרסים ח״א רג, ב ואילך). ובכ״מ.

א. דער שבת איז דאך ב' סיון, וואס אין דעם טאג "התחיל משה להתעסק עמהם בענין קבלת התורה", און ער האט די אידן דעמאלט געזאגט דעם ציווי פון דעם אויבערשטן "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגו'", ווי דער אלטער רבי פסק'נט אין שו"ע (או"ח סו"ס תצד), וכמבואר בפרטיות אין די סוגיא פון מ"ת אין מס' שבת (מיט די כמה דעות בדבר).

ויל"ל בדא"פ אז דאס (די סוגיא פון מ"ת כולל די הכנות דערצו אנהויבנדיק פון ב' סיון) האט מען ארייגעשטעלט אין מס' שבת - דערפאר וואס כללות הענין פון מ"ת האט א שייכות מיט שבת, ווי די גמ' זאגט אין די סוגיא גופא "לכו"ע בשבת ניתנה תורה".

וכמבואר אין תו"א און אין די דרושים שלאחריו די שייכות פון תורה מיט שבת.

וואס אין פשוט'ע אותיות, פארשטאנדיק אויך פאר א פשוט שבפשוטים - איז די שייכות ביניהם:

תורה איז ניט וועלט, נאר תורה.

ועד"ז שבת איז ניט פארבונדן מיט עובדין דחול, מיט ששת ימי המעשה, וואס דעמאלט איז דער אויבערשטער פארבונדן, כביכול, מיט וועלט - נאר שבת איז "שבת ונפש".

לאידך גיסא איז שבת איינע פון די שבעת ימי בראשית.

ועד"ז בנוגע צו תורה, אז אע"פ וואס זי איז "ואהי' שעשועים לפניו" און "נעלמה מעין כל חי" - איז זי אבער געגעבן געווארן למטה דוקא, ביז אז נאך מ"ת איז "תורה לא בשמים היא", נאר דוקא למטה אין עוה"ז הגשמי.

און למטה גופא האט תורה אין זיך אויך צוויי ענינים:

תורה איז "הלא כה דברי כאש": אזוי ווי אש איז ניט מקבל היפך הטהרה, עד"ז איז תורה ניט מקבל היפך הטהרה, און אזוי ווי אש ציט זיך כסדר למעלה צו שרשו, ביז אז מ'דארף גאר אנקומען צו עצות און תחבולות צו האלטן אש למטה, כמבואר בארוכה אין תניא ווי דאס איז אין עבודת האדם - עד"ז ציט זיך די תורה כסדר למעלה.

צוזאמען דערמיט איז "אין מים אלא תורה", אזוי ווי טבע המים איז צו יורד זיין מגבוה לנמוך, עד"ז איז תורה נמשך מלמעלה למטה, ביז אין עוה"ז הגשמי אין מעשה בפועל.

ביז אז תורה איז מלשון הוראה, און אדרבה, דוקא בשעת לימוד התורה איז אין אן אופן פון "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא", אז דער לימוד התורה איז כוונתה בכדי ארויסקומען אין א מעשה רב, א הלכה בפועל - איז דעמאלט די לימוד התורה בתכלית השלימות.

כמבואר אין המשך תרס"ו, אז בשעת מ'לערנט תורה און מ'ווייסט אז דערפון דארף ארויסקומען א מעשה בפועל - איז מען זיך מערער מתבונן און מערער מתעמק, ביז אז מ'כאפט זיך צו "אמת לאמיתו" פון דעם ענין, וואס איז העכער פאר "אלו ואלו דברי אלקים חיים", און דערפאר איז "הלכה כמותו".

ב. און די שייכות פון שבת מיט (מתן) תורה איז במיוחד מודגש אין ב' סיון (וואס דעמאלט האבן זיך אנגעהויבן די הכנות צו מ"ת): ע"פ מנהג ישראל פון קביעות החדשים, ביז אז דאס איז געווארן אין אן אופן וואס איז אי אפשר ניט אזוי - קען שבועה קיינמאל ניט אויסקומען ביום השבת.

ווי עס שטייט אין שו"ע דער סימן לקביעות המועדים פון א"ת ב"ש, אז יום ב' דפסח איז אלעמאל דער זעלבער טאג בשבוע ווי יום א' דשבועות, און ווייבאלד אז "לא בד"ו פסח" - קען ניט זיין אז יום א' דשבועות זאל זיין ביום השבת, ווארום דעמאלט איז יום ב' דפסח ביום ו', און דאס קען ניט זיין.

וכידוע אויך דער פירוש ע"ד הצחות פון אחרונים אויפן פסוק "וכי יכה איש את עין עבדו גו' לא יעשה פסח לה'" - אז אויב "לכה" "את עין עבדו", מ'נעמט ארויס דער עי"ן פון דעם ווארט "עבדו", וואס דעמאלט בלייבט די אותיות בד"ו - איז דעמאלט "לא יעשה פסח לה'", קען פסח דעמאלט ניט אויסקומען.

ד.ה. אז כאטש "לכו"ע בשבת ניתנה תורה" - איז אבער בזמן הזה וואס די קביעות החדשים איז ע"פ החשבון - קען שבועות קיינמאל ניט אויסקומען ביום השבת.

ועד"ז בנוגע צו ר"ח סיון, וואס דער טאג האט אויך א שייכות מיוחדת מיט מ"ת, ווארום דעמאלט איז געווען "ויחן שם ישראל נגד ההר", וואס דאס איז די הכנות צו מ"ת אין אן אופן פון מלמעלמ"ט, און ווי עס שטייט אין מדרש אז ע"י זה וואס ס'איז געווען "ויחן שם ישראל נגד ההר - כאיש אחד בלב אחד" איז געגעבן געווארן די תורה, וכמבואר אין תו"א די שייכות פון ר"ח סיון צו מ"ת -

איז אויך ר"ח סיון קען קיינמאל ניט אויסקומען (לויט קביעות החדשים ע"פ החשבון) ביום השבת.

כמובן דערפון וואס ר"ח סיון איז אלעמאל דריי טעג בשבוע נאך יום א' דפסח, ווי מ'זעט דאס בקביעות שנה זו, וואס יום א' דפסח איז געווען יום ג' בשבוע, און ר"ח סיון איז געווען ביום ו' בשבוע.

איז אויב ר"ח סיון קומט אויס ביום השבת, איז יום א' דפסח ביום ד' בשבוע, און דאס קען דאך ניט זיין, ווארום "לא בד"ו פסח".

משא"כ בנוגע צו ב' סיון, וואס דעמאלט "התחיל משה להתעסק עמהם בענין קבלת התורה" קען אויסקומען ביום השבת.

און ניט נאר וואס דאס קען אזוי זיין - נאר בשנה זו קומט דאס ארויס אזוי בפועל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ב' סיון בשנה זו, וואס קומט אויס ביום השבת איז מער מודגש דער קישור צווישן (מתן) תורה מיט שבת ווי דאס איז אפילו בזמן מתן תורתנו.

וואס דעמאלט איז געווען די התחלת ההתעסקות אין די הכנות צו מ"ת, וואס די התחלה איז כולל אין זיך די גאנצע זאך, אויך מ"ת אליין, ובפרט אז דאס איז געווען ע"י דער רעיא מהימנא, משה רבינו.

ג. דער בכן פון האמור לעיל:

ב' סיון הויבן זיך אן די הכנות צו מ"ת, כנ"ל, וואס דער עצם ענין פון הכנות צו מ"ת איז דערפאר וואס מ"ת איז א דבר חשוב ביותר, כמובן בפשטות, און יעדער דבר חשוב דארף האבן הכנות דערצו, ביז הכנות מיט א יגיעה און השתדלות יתירה.

בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו סעודת שבת און סעודת חול, אז וויבאלד סעודת חול האט קיין חשיבות ניט, דארף מען דערצו קיין הכנות ניט האבן, און אע"פ אז מ'איז זיך בפועל מכין אויך צו א סעודה של חול - איז דאס אבער ניט אן אמת'ער ענין פון הכנה, וויבאלד אז די זאך צו וואס דאס איז א הכנה (סעודת חול) האט קיין חשיבות ניט.

משא"כ סעודת שבת, וואס איז א סעודת חשובה - פועל'ט דאס אז די הכנות צו די סעודה זאל אויך באקומען א חשיבות, ביז אז "מצותי' אחשבי'".

ועד"ז בנוגע צו מ"ת, אז וויבאלד דאס איז א דבר חשוב ביותר דארף זיין הכנות דערצו.

ובפרט לויט דעם פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אז קבלת התורה דארף זיין בשמחה ובפנימיות, וואס דער ענין השמחה איז אז דער ענין פועל'ט אויף אים ביז אז דאס קומט ארויס בהתגלות, ועד"ז דער ענין פון פנימיות, איז דאך זיכער פארשטאנדיק אז מ'דארף דערצו האבן א הכנה מיט א השתדלות מיוחדת וכו'.

איז עד"ז בנוגע צו מ"ת בכל יום, "בכל יום יהי' בעיניך חדשים", דארף מען אויך האבן הכנות דערצו.

און וויבאלד אז תורה דארף זיין "בכל יום יהי' בעיניך חדשים", און מ'זאגט "נותן התורה" לשון הוה - איז פארשטאנדיק אז ע"ד ווי עס דארף זיין הכנות צו מ"ת פעם אחת בשנה, עד"ז דארפן זיין הכנות צו מ"ת בכל יום ויום.

ס'איז אבער אויך פארשטאנדיק אז ס'איז איננו בדומה די הכנות צו מ"ת בכל יום צו די הכנות וואס דארפן זיין צו מ"ת פעם אחת בשנה.

ד. האמור לעיל איז בנוגע צו די הכנות צו מ"ת בב' סיון בכל שנה ושנה, דערנאך קומט צו ווי די הכנות דארפן זיין בשעת ב' סיון קומט אויס ביום השבת:

שבת איז ענינו - תענוג, "וקראת לשבת עונג", וואס דאס באווייזט אז דער איד ביום השבת איז נאך העכער פאר תענוג, ווייל ער איז דאס גאר ממשיך אין יום השבת, "וקראת לשבת עונג".

דערפון איז פארשטאנדיק אז אלע ענינים ביום השבת זיינען דורכגענומען מיט דער ענין התענוג, ועד"ז בנוגע צו ב' סיון בשעת דאס קומט אויס ביום השבת, אז די הכנות צו מ"ת זיינען אלע דורכגענומען מיט תענוג.

וואס בשעת אן ענין ווערט געטאן מיט תענוג, פועל'ט דאס אז דאס זאל געטאן ווערן בתכלית השלימות און מיט די גרעסטע הצלחה.

ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (ש"פ בהו"ב) אז מ'זעט בפועל, אז בשעת איינער טוט א זאך ניט מיטן גאנצן רצון, אדער פארעווערהייט, און ער האט קיין נטלות ניט אין דער זאך - איז ער זיך ניט מהייגע אויף אזויפיל אין טאן דער זאך, און מ'דארף ביי אים פועל'ן אז ער זאל דאס ווערן טאן בשלימות.

משא"כ אויב איינער האט תענוג אין דער זאך וואס ער טוט, דארף מען אים ניט זאגן אז ער זאל ווערן טאן די זאך, ווארום וויבאלד ער האט א תענוג אין דעם וויל ער דאס אליין.

און דערפאר אויב מ'זאגט אים דער ציווי פון "מעלין בקודש", דארף מען זיך ניט משתדל זיין מיט אים אז ער זאל דאס מקיים זיין, נאר ער איז דאס אליין מקיים מצד דער תענוג וואס ער האט אין דעם.

און דער טעם לזה איז - דערפאר וואס תענוג איז דער כח הכי נעלה אין דעם מענטשן, וואס איז מושל ושולט אויף אלע כחות זיינע, כולל אויך דער כח הרצון שלו.

וואס דאס איז קיין סתירה ניט דערצו וואס מ'זאגט אז ס'איז דא א שקו"ט אין המשך תרס"ו צי תענוג איז גבוה מרצון, אדער רצון איז גבוה מתענוג - ווארום לויט די מסקנא איז תענוג העכער, ובלשון פון ספר יצירה "אין למעלה מעונג".

**ה.** און די הכנה צו מ"ת וואס איז פארבונדן מיט ב' סיון וואס דארף זיין אן עבודה דורכגענומען מיט תענוג - איז דער ענין פון "ואתם תהיו ממלכת כהנים וגוי קדוש", ווי דער אלטער רבי ברייננגט אין שו"ע (כנ"ל ס"א):

יעדער איד דארף טאן אין די עבודה פון זיין "ממלכת כהנים", וואס דער ענין בזה איז - נוסף צו פירוש רש"י אז "ממלכת כהנים" מיינט "שרים", איז אויך דא דער פירוש פון רמב"ן אז דאס גייט אויף משרתי ה' כפשוטם.

ונוסף לזה איז דא דער פירוש פון דעם בעל הטורים, אז דאס מיינט "כהנים גדולים" (בכ"ז ראה בארוכה לקו"ש השבועי לפ' במדבר ש.ז.).

לכאו' איז אבער ניט פארשטאנדיק:

ווי קען מען מאנען פון א אידן דער ענין העבודה אין זיין כהן גדול - דער גאנצער ענין פון כהן גדול איז לכאו' תלוי אין תולדה, אז ער איז געבארן געווארן אזא וואס קען זיין א כה"ג, אבער דאס איז ניט תלוי אין עבודתו?

איז די הסברה בזה, אז אויך א כהן גדול דארף זיין ראוי לזה, און האבן די ריכטיקע הכנות און עבודה בכדי זוכה זיין צו זיין א כהן גדול.

און אפילו בנוגע צו בנו יחידו של הכה"ג, אדער בנו בכורו פון א כה"ג, וואס לכמה דעות גייט איבער דער ענין פון כהונה גדולה גלייך פון אביו על בנו - איז דאך דאס לכאו' ניט תלוי אין עבודה -

איז אבער אויך דער בן יחיד אדער בן בכור פון דעם כה"ג, טאר ניט מחלל זיין את הכהונה, וואס דאס איז אן ענין פון עבודה עכ"פ באופן שלילי.

וואס דאס איז ע"ד המבואר בנוגע צו די ברכות פון "שלא עשני כו'" וואס מ'זאגט בכל יום ויום, דלכאו': די ברכה פון "שלא עשני גוי" האט מען געדארפט זאגן בלויז איין מאל בשעת מ'איז יוצא לאויר העולם, אבער דערנאך פארוואס דארף מען דאס זאגן בכל יום ויום?!

וכידוע די ביאורים וואס זיינען דא אין דערויף, אז דאס איז אן ענין וואס מ'דארף כסדר באווארענען, ווי דער יאור זאל נאר זיין אין דעם.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די עבודה פארבונדן מיט זיין א כהן גדול, אז אפילו נאך דערויף וואס מ'איז געבארן געווארן ראוי לזה, דארף מען אבער כסדר אנקומען צו עבודה.

**ו.** דער ענין העבודה פארבונדן מיט "ממלכת כהנים", אז א איד דארף זיין א כהן גדול - איז במיוחד פארבונדן מיט זמננו.

ווארום מ'דארף אנקומען אז דער ענין פון "ממלכת כהנים" זאל שטיין בגלוי בא יעדן אידן.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס טוט מען אויף דורך מעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות, ביז ווי דער רמב"ם זאגט אז דורך מעשה א' דיבור אחד אדער מחשבה אחת איז א איד "מכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות".

און ער איז דאס ממשיך בגלוי למטה מעשרה טפחים.

און דער כח צו ממשיך זיין דער ענין פון "ממלכת כהנים" בגלוי נעמט מען פון דעם וואס דער ב' סיון איז ביום השבת, וואס ענינו איז תענוג.

ובפרט אז כל השנה כולה איז א שנת השמיטה, "שבת לה'".

ובפרט אז אויך "ביום שמחתכם ובמועדיכם ובראשי חדשיכם ותקעתם בחצוצרות גו'", דער ראש השנה פון דעם יאר - איז געווען ביום השבת.

וואס דאס איז אלץ מדגיש אז דער יאר איז פארבונדן מיט דער ענין נפלא פון שבת, וואס ענינה איז תענוג.

ז. ו"המעשה הוא העיקר":

הגם אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'", און ב' סיון ועד"ז אלע ימים בהכנה צו מ"ת האבן זייערע ענינים מיוחדים - דארף דאס אבער אויך נמשך ווערן אויף דערנאך.

ד.ה. נוסף צו די אלע החלטות טובות וואס מ'נעמט אן אין דעם שבת ב' סיון, אלס הכנה צו מ"ת זאל מען אויך אננעמען אויף זיך החלטות טובות פון דעם שבת ב' סיון אויף די ימים שלאח"ז, וואס "שבת מיני' מתברכין כולהו יומין".

אויף מזרז און מעודד זיין די אלע הכנות צו קבלת התורה בשמחה ובפנימיות,

ביז צו קבלת התורה פון לע"ל - קבלת פנימיות התורה פון משיח צדקנו, וואס "הוא ילמד את כל העם כולו" פנימיות התורה.

* * *

ח. אין די הכנות וואס משה האט צוגעגרייט די אידן צו מ"ת זיינען געווען כו"כ פרטים.

ס'איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, ע"פ מאחז"ל אז בא מ"ת איז געווען "בנינו עורבים אותנו" - אז די הכנות פון משה'ן זיינען געווען אויך ובעיקר מיט קינדער.

וואס דאס פארשטייט אויך אן איש פשוט, ביז אויך א בן חמש למקרא, אז בשעת מ'וויל באווארענען אז עס זאל זיין קבלת התורה, און קבלת התורה בשלימות - דארף מען פריער באווארענען אז עס זאל זיין דער עצם ענין פון מ"ת, וואס דאס איז דוקא דורך דערויף וואס מ'האט ערבים, און ערשט דערנאך וואס מ'ווילסט פאר זיכער אז עס וועט זיין דער עצם ענין פון מ"ת, דאן גייט מען ארײַן אין די הכנות פון די פרטים פון מ"ת.

ולמשל: פריער דארף מען באווארענען אז מ'האט א כלי קיבול, א קעשענע וכיו"ב, וואס דאס טוט מען אויף דורך דעם וואס מ'האט אן ערב, און אויב מ'האט ח"ו ניט קיין ערב שטעלט דאס איין דער גאנצער זאך.

און ערשט נאך דעם וואס מ'האט אן ערב, טוט מען אין פרטי הדברים.

וואס דערפאר איז אע"פ וואס עס שטייט ניט בפירוש אז מ'האט געמאכט הכנות פאר מ"ת אויך בנוגע צו די תינוקות וואס וועלן זיין "ערבים אותנו" - איז אבער וויבאלד "סברא היא" איז "קרא ל"ל".

ס. לכאו' איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

בקשר צו די הכנות צו מ"ת שטייט נאר "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל", אז משה האט גערעדט מיט די נשי ישראל און מיט אנשי ישראל, משא"כ בנוגע צו תינוקות געפינט מען ערגעץ ניט אז משה זאל מיט זיי רעדן וועגן די הכנות צו מ"ת?

קען מען דאס מבאר זיין אויף צוויי אופנים (ע"ד ווי מ'געפינט בכ"מ אין חסידות):

א) וויבאלד אז "בנינו ערבים אותנו", איז מובן בפשטות אז משה האט מיט זיי גערעדט און מכין געווען צו מ"ת, דערפאר דארף דאס דער פסוק ניט זאגן,

משא"כ בנוגע צו די גדולים, איז וויבאלד אז די תורה איז "לקח טוב נתתי לכם", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מיט די אידן האט מען ניט געדארפט רעדן וועגן מכין זיין זיך צו מ"ת, ווארום זיי האבן דאס אליין געוואלט - איז דער פסוק מחדש אז פונדעסטוועגן האט משה מיט זיי גערעדט, "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל".

ב) עס דארף דאך זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו", וואס דאס טוען אויף די עלטערן דוקא.

ובמילא בשעת עס קומט צו מחנך זיין און צוגרייטן די תינוקות צו מ"ת, ליגט דער פליכט פון דעם חינוך אויף די עלטערן.

ווי מ'געפינט אז אויך פאר מ"ת איז געווען דער חיוב אויף מחנך זיין די קינדער, כמ"ש "כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט".

וואס דערפאר שטייט ניט אז משה האט צוגעגרייט די קינדער צו מ"ת, ווארום דאס האבן די עלטערן פון די קינדער געדארפט טאן.

עס שטייט נאר "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל", בנוגע צו די עלטערן, און אין דעם ציווי איז בכלל אויך דער ציווי אויף מחנך זיין און צוגרייטן די קינדער צו מ"ת, אין אן אופן אז זיי זאלן זיין "ערבים אותנו".

וואס עפי"ז איז פארשטאנדיק נאך א זאך:

וואס איז דער קשר פון דעם וואס "בנינו ערבים אותנו", און דערפאר זאלן די גדולים באקומען די תורה?

ע"פ האמור (באופן הב') איז דאס מובן: וויבאלד אז די עלטערן זיינען די וואס האבן מחנך געווען און צוגעגרייט די קינדער אז זיי זאלן זיין די "בנינו ערבים אותנו" - דערפאר זיינען זיי זוכה צו באקומען די תורה.

ד.ה. דאס איז ניט אין אופן סגולי, נאר דאס איז א סיבה ומסובב: די עלטערן זיינען די וואס זיינען גורם אז די קינדער זאלן זיין ערבים, און צוליב דעם באקומען זיי די תורה.

י. בכל שנה ושנה בחגה"ש, זמן מתן תורתנו, הזר'ן זיך איבער די אלע ענינים וואס זיינען געטראפן בחגה"ש, זמן מתן תורתנו, בפעם הראשונה,

וואס דערפאר איז אויך דער ענין פון "בנינו עורבים אותנו", און די הכנות לזה וואס זיינען געווען פאר מ"ת - אויך דא בכל שנה ושנה, כולל שנה זו.

וואס דאס איז אויך דער קשר צו די התעוררות וואס מ'האט געמאכט בנוגע צו די קינדער אין די טעג פאר מ"ת, און אויך דערנאך בזמן מתן תורתנו.

אז מ'זאל צוזמענקלייבן אלע אידישע קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך, און זיי דערציילן וואס תורה איז און וואס מתן תורה איז, און אז זיי זיינען די וועלכע זיינען די ערבים פאר נתינת התורה צו אלע אידן.

יא. דאס (די התעוררות בנוגע צו קינדער) האט אויך א קשר מיטן שיעור חומש פון נעכטן, ראש חודש, און פון ערב ראש חודש:

בנוגע צו שבט לוי שטייט (אין די שיעורי חומש), אז אפילו א גאר קליין קינד, "מבן חדש ומעלה" איז ער "שומר משמרת הקודש" (ג, טו, ובפרש"י) בתור שליח פון גאנץ בני ישראל (פרש"י שם, ח) ווי עס שטייט אז תפקידם פון שבט לוי איז "לעמוד לשרת" אין דעם משכן אלס שלוחים פון גאנץ בנ"י.

און דאס איז בתור שליח פון אלע אידן בכל קצוי תבל, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם וואס אלע אידן, אפילו אידן אין חו"ל האבן געדארפט ברייננגען א מחצית השקל, וואס פון איר האט מען געבראכט די קרבנות אין דעם משכן, וואס דו איז (בדוגמא צו דעם ביהמ"ק) א "בית מוכן להקריב בו קרבנות".

און די לויים כולל אויך די גאר קליינע פון זיי, "מבן חדש ומעלה", האבן אויף דעם משכן געהיט, "שומר משמרת הקודש".

יב. אין דעם וואס גאר קליינע קינדער, "מבן חודש ומעלה" זיינען געווען "שומר משמרת הקודש" - קומט צו נאך אן ענין:

דער רמב"ן שרייבט אז דאס וואס דער ציווי אויף דעם ארון שטייט גלייך בהמשך צו "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" - איז דערפאר וואס "עיקר החפץ במשכן הוא מקום מנוחת השכינה שהוא הארון".

וואס ענינו פון דעם ארון איז - תורה, און אין איר זיינען געלעגן די לוחות וואס אין זיי זיינען נחקק געווארן די עשרת הדברות וואס זיינען געזאגט געווארן בשעת מ"ת.

און על כל זה זיינען די קינדער "מבן חודש ומעלה" "שומר משמרת הקודש".

יג. דאס איז אויך פארבונדן מיט כללות ספר פקודים:

דער ענין פון מנין באווייזט אויף חיבה (פרש"י ר"פ במדבר), און דער ענין המנין איז אויך כולל אלעמען בשוה: ס'איז אינגאנצן ניט נוגע די תכונות פון דעם מענטשן וועלכען מ'ציילט, צי דאס איז תכונות נעלות אדער תכונות פשוטות - ציילט מען אים בשוה מיט אלע אנדערע מנויים.

וואס עד"ז איז בנוגע צו האמור לעיל אז אפילו א גאר קליין קינד, "מבן חודש ומעלה", איז "שומר משמרת הקודש" - ווארום דא קוקט מען אויך ניט אויף די תכונות פרטיות פון דעם וואס איז "שומר משמרת הקודש", ביז אז אפילו א "בן חודש ומעלה" און נאך אינגער דערפון, גלייך ווען ער איז א בן קיים - איז ער שוין פון די וואס "שומר משמרת הקודש".

**יד.** וואס אע"פ אז כל האמור לעיל בנוגע צו א "בן חודש ומעלה" רעדט זיך דאס נאר בנוגע צו שבט לוי -

איז אבער ע"ד ווי שבט לוי איז אויסגעטיילט פון שאר בני ישראל, עד"ז זיינען אידן אויסגעטיילט ביחס צו גוים אין וועלט, און זיי זיינען א "ממלכת כהנים וגוי קדוש" - איז דערפאר ע"ד ווי בא שבט לוי איז דא דער ענין וואס שוין "מבן חודש ומעלה" זיינען זיי "שומר משמרת הקודש", עד"ז זיינען אלע אידן א "ממלכת כהנים וגוי קדוש" שוין פון "מבן חודש ומעלה".

ובפרט אז מ'געפינט זיך בזמן הגלות, נאכן חורבן, איז דאך "קלקלתו זוהי תקנתו":

בזמן הבית האט געמוזט זיין עבודת הכהנים און שירת הלויים צוליב הקרבת הקרבנות.

משא"כ נאכן חורבן ביהמ"ק טוען זיך אויף די זעלבע ענינים דורך די תפלות, ש"כנגד קרבנות תקנום", פון אלע אידן - תפילת שחרית כנגד דעם קרבן שחר, תפילת מנחה כנגד דער קרבן מנחה וואס מ'האט מקריב געווען בין הערביים, די איברים וכו', און תפילת ערבית כנגד דעם לעצטן קרבן ביום, וואס זי איז דער סך הכל פון גאנץ עבודת היום.

קומט דאך דערפון אויס אז נאכן חורבן זיינען אלע אידן בדוגמת כהנים און לויים, און במילא איז דער ענין פון "בן חוש ומעלה" וואס איז "שומר משמרת הקודש" שייך ביי אלע אידן.

ובפרט לויט דעם רמב"ם אין הל' שמיטה ויובל (בסופו) אז "כל איש ואיש כו' אשר נדבה רוחו" איז בדוגמא ווי א לוי.

ועד"ז געפינט מען אז אלע אידן ווערן געגליכן צו דעם קדש הקדשים, וואס דארטן איז נאר אהרן כהן גדול אריין.

**טו.** דערפון האט מען די הוראה אויף וויפיל מ'דארף טאן מיט קינדער, אפילו מיט קינדער וואס זיינען נאר "בן חודש", און נאך ווייניקער,

און בעיקר טאן מיט זיי אין דעם ענין שהזמן גרמא - צוגרייטן זיי צו קבלת התורה או צו מתן תורה.

ובפרט אז מ'געפינט זיך אין דרא דעקבתא דמשיחא, וואס מ'האלט איצט גלייך פאר דעם "יום ה' הגדול והנורא" - דארף מען טאן אין "והשיב לב אבות על בנים", ווי רש"י טייטשט "על ידי בנים".

וואס אזוי ווי אלע ענינים אין תורה זיינען סיי א ציווי און סיי א הבטחה - עד"ז איז אויך בנוגע צו "והשיב לב אבות על בנים", אז דאס איז סיי א הבטחה אז אזוי וועט זיין אין דער "יום ה' הגדול והנורא", און דאס איז סיי א ציווי אז מ'דארף זיך משתדל זיין אין טאן אין דעם.

וואס בנוגע אלינו - איז דאס, אז שטייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, וואס לויט אלע סימנים אין מס' סוטה איז דאס דער דור דעקבתא דמשיחא, [וואס מס' סוטה האט אויך א שייכות מיוחדת מיט ספיה"ע, כידוע תקנת כ"ק מו"ח אדמו"ר אז מ'זאל לערנען אין ימי הספירה דף ליום פון מס' סוטה, און בערב חג השבועות מסיים זיין דף מט] -

דארף זיין מעשינו ועבודתינו און טאן אין "והשיב לב אבות על בנים",

און מ'האט דער נתינת כח מיוחדת דערפון וואס מ'שטייט אין ב' סיון, און דאס בנוגע הענין שהזמן גרמא, די הכנות צו מ"ת.

און דאס איז אויך יום השבת, און אויך שנת השמיטה, מיט שאר הענינים וואס מ'האט פריער אויסגערעכנט.

איז דאך דאס א זמן הכושר צו טאן אין "והשיב לב אבות על בנים".

און דאס וועט ברענגען אליהו הנביא, מבשר הגאולה, און משיח צדקנו אליין, און אין אופן פון "זכו בעתה אחישנה" בזריזות, במהרה בימינו ממש.

* * *

**טז.** מאמר (כעין שיחה) ד"ה שאו את ראש גו' לגולגלותם.

* * *

**יז.** ס'איז דאך רגיל אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו, או אין די שבתות וואס מ'לערנט פרקי אבות - אויך א משנה פון דעם פרק וואס מ'לערנט אין דעם שבת.

ובפרט אז מ'שטייט אין דעם שבת פאר שבועות, זמן מתן תורתנו, וואס דעמאלט לערנט מען דעם זעקסטן פרק, וואס איז צוגעלייגט געווארן צו פרקי אבות, און דאס ווערט אנגערופן "קנין תורה".

איז דאך דאס גופא וואס דאס ווערט אנגערופן "קנין תורה" מדגיש די שייכות צו מ"ת.

ובפרט לויט די ביאורים אין מעלת ענין הקנין, כמבואר בכ"מ אז ס'איז דא "ברוך עושך", און "ברוך יוצרך", און "ברוך בוראך", און די העכסטע דרגא איז - "ברוך קונך", ועד"ז איז מען מבאר די מעלה פון "חמשה קנינים", און "שלשה קנינים", ועוד כמה ענינים וואס מ'איז מבאר אין הפלאת ענין הקנין.

און דא זאגט מען אז אין דעם שבת פאר מתן תורה, לערנט מען "קנין תורה".

וואס דערפאר איז דאס זיכער א דבר נכון צו אפלערנען א משנה פון "קנין תורה".

און ווייבאלד אז מ'רעדט וועגן קינדער - איז אויך מתאים צו מבאר זיין די שייכות פון די ענינים (פרש"י, הערות לזהר, און פרקי אבות) צו קינדער.

**יח.** אין פרש"י אויפן פסוק (פרשתנו יד, טו) "מבן חודש ומעלה" איז גלייך מודגש די שייכות מיט קינדער, ווי גערעדט פריער בארוכה.

וואס רש"י שטעלט זיך אויף די ווערטער "מבן חודש ומעלה", און איז מפרש: "משיצא מכלל נפלים הוא נמנה ליקרא שומר משמרת הקודש".

דארף מען פארשטיין: ס'איז דאך כלפי שמיא גליא צי דער קינד וועט זיין א נפל צי ניט.

ובפרט בעניננו, וואס רש"י שרייבט בפירוש (אין דעם קומענדיקן פסוק (שם, טז)) אז דער מנין איז געווען דורך דעם אויבערשטן אליין "ע"פ ה'" -

האט זיי דער אויבערשטער געקענט ציילן גלייך ווען זיי זיינען געבארן געווארן (אליידער "מבן החדש"), ווארום כלפי שמיא גליא צי זיי וועלן זיין נפלים צי ניט?

איז דער ביאור בזה [נוסף לזה וואס "אין סומכין על הנס"] באווארנט רש"י אליין:

דער ציווי צו ציילן די לויים איז געווען צו משה ע"ד ווי דער ציווי צו ציילן שאר בנ"י, אבער בשעת משה האט געהערט פון דעם אויבערשטן אז ער דארף ציילן די לויים "מבן חודש ומעלה", איז רש"י מפרש אז "אמר משה לפני הקב"ה, היאך אני נכנס לתוך אהליהם לדעת מנין יונקיהם, א"ל הקב"ה עשה אתה שלך ואני אעשה שלי, הלך משה ועמד על האהל והשכינה מקדמת לפניו ובת קול יוצאת מן האוהל ואומרת כך וכך תינוקות יש באוהל זה כו'".

וואס וויבאלד אז דער ציווי איז לכתחלה געווען אז משה דארף זיי ציילן דערפאר שטילט אז מ'זאל זיי ציילן נאר "מבן חודש ומעלה", ווארום משה קען דא פריער ניט וויסען צי זיי וועלן זיין נפלים אדער ניט.

און דערנאך ווען משה האט געזאגט אז ער קען זיי ניט ציילן, און דער אויבערשטער האט זיי בפועל געציילט - האט מען ניט משנה געווען פון דער אופן המנין ווי דאס האט לכתחלה געדארפט זיין, "מבן חודש ומעלה".

**יט.** דער פסוק "פקוד את בני לוי לבית אבותם למשפחותם כל זכר מבן חודש ומעלה תפקדם" קומט בהמשך צו א פסוק פריער בפרשתנו אין קאפיטל א פסוק מט, וואס דארטן שטילט אז נאך דערויף וואס דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן אז ער זאל ציילן אלע אידן, האט ער אים געזאגט: "אך את מטה לוי לא תפקוד ואת ראשם לא תשא בתוך בני ישראל".

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "אך את מטה לוי לא תפקוד" און זאגט: "כדאי הוא לגיון של מלך להיות נמנה לבדו, דבר אחר צפה הקב"ה שעתידה לעמוד גזירה על כל הנמנין מבן עשרים שנה ומעלה שימותו במדבר, אמר אל יהיו אלו בכלל לפי שהם שלי שלא טעו בעגל".

וואס אין דעם פרש"י האט מען שוין אמאל גערעדט, און איצטער וועט מען זיך שטעלן אויף א שאלה וואס מ'האט דעמאלט ניט גערעדט.

רש"י וויסט דאך (כאטש אז דער בן חמש למקרא ווייסט דאס נאך ניט) אז שפעטער וועט שטיין "פקוד את בני לוי גו' כל זכר מבן חודש ומעלה" - איז פארוואס זאגט ער דא אז דער טעם פארוואס מ'האט געציילט לוי באזונדער איז דערפאר וואס "כדאי הוא לגיון של מלך להיות נמנה לבדו" - ער האט געדארפט זאגן אז דאס איז בפשטות דערפאר וואס שבט לוי ציילט מען "מבן חודש ומעלה", קען מען זיי ניט ציילן צוזאמען מיט שאר בני ישראל וואס זיי ציילט מען "מבן עשרים שנה ומעלה"?

אויך דארף מען פארשטיין:

א) וואס זאגט רש"י אין דעם צווייטן פירוש אז מ'האט שבט לוי ניט געציילט מיט אלע אידן דערפאר וואס "צפה הקב"ה שעתידה לעמוד גזירה על כל הנמנין מבן עשרים שנה ומעלה שימותו במדבר, אמר אל יהיו אלו בכלל לפי שהם שלי שלא טעו בעגל" - ממה נפשך: אויב "לא טעו בעגל" וועלן זיי דאך ניט שטארבן אפילו אויב מ'וועט זיי ציילן?

ב) פארוואס זאגט רש"י צוויי פירושים?

ג) אין פסוק שטייט נאר "את מטה לוי לא תפקוד" ד.ה. אז מ'זאל זיי ניט ציילן - און פון וואנעט נעמט רש"י צו זאגן (אין דעם ערשטן פירוש) "כדאי הוא לגיון של מלך להיות נמנה לבדו", אז מ'האט זיי יע געציילט (נאר געציילט באזונדער)?

און אע"פ אז עס שטייט דערנאך אין פסוק "ואת ראשם לא תשא בתוך בני ישראל", וואס דערפון איז משמע אז "בתוך בני ישראל" "את ראשם לא תשא", אבער בפ"ע זאל מען זיי יע ציילן -

איז אבער רש"י ניט מעתיק די ווערטער פון פסוק, און אפילו ניט מרמז דערצו. מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

**כ.** אין די הערות אויף זהר פון פרשה זו, איז דא נאר איין קורצע ציון צו דעם וואס ער שרייבט במקום אחר אין די הערות אויף זהר:

ער שטעלט זיך (בלקוטי לוי"צ לזח"ג ריש ע' שנג) אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר (ח"ג קכ, ב) "עאל לבי כנישתא מעטר בטוטפי", ד.ה. אז פריער טוט מען אן די תפילין און דערנאך דעם טלית.

וואס לכאו' איז דאס ניט פארשטאנדיק: דער סדר דארף דאך זיין "מעלין בקודש", אז פריער זאל מען אנטאן דעם טלית און ערשט דערנאך תפילין, ווי עס שטייט אין שו"ע (אויך אין שו"ע אדה"ז) - איז ווי זאגט ער דא אין זהר א סדר הפוך (און ווי עס פרעגן מפרשי הזהר)?

צייכנט אן דער טאטע אין די הערה אויף דעם: "עיין מה שנרשם בס"ד לעיל בפ' קדושים דפ"א ע"א".

וואס דארטן אין זהר (אין פ' קדושים) שטייט אויך (אזוי ווי עס שטייט אין זהר בפרשתנו) אז "דכד ב"נ אנח תפילין ואתחפי בכסויי דמצוה", פריער הנחת תפילין און דערנאך הנחת הטלית.

איז ער דארטן מבאר אין די הערות: "ולי"ל ואתחפי בכסויי דמצוה, אין הכוונה על הנחת הטלית (כי באמת הנחת הטלית צ"ל קודם הנחת תפילין) אלא מה שמכסה את התפילין אחר שהניחם בהטלית כמ"ש במ"ח מס' הנחת תפילין פ"ב סוף משנה ט' ע"ש".

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם וואס שטייט אין זהר פרשתנו, אז "עאל לבי כנישתא מעטר בטוטפי" רעדט זיך (ניט וועגן הנחת תפילין און הנחת טלית נאר) וועגן דעם וואס נאכדעם וואס מ'טוט אן די תפילין, "עאל לבי כנישתא", פארדעקט מען דאס (במקצת) מיט דעם טלית.

ער איז אבער ניט מבאר אין די הערות די שייכות פון דעם צו קינדער.

וכידוע אז מ'דארף לעבן מיט דער חלק פון תורה וואס מ'לערנט אין דער צייט וואס מ'לעבט דעמאלט, במילא דארף מען ארויסנעמען הוראות פון דעם זהר בפרשתנו און די הערות בנוגע צו קינדער וואס וועגן זיי קאכט מען זיך אין די צייט.

וכפי שיתבאר לקמן.

**כא.** אין פרקי אבות וואס מ'לערנט דעם שבת (פ"ו) איז אויך דא די הדגשה בנוגע צו קינדער: אין מ"ח זאגט ר' שמעון בן יהודה משום רבי שמעון בן יוחאי ח' דברים וואס זיינען "נאה לצדיקים ונאה לעולם", און דער לעצטער זאך וואס ער רעכנט אויס איז "הבנים".



הנחה פרטית בלתי מוגה

די ח' דברים וואס ער רעכנט אויס זיינען: "הנוי והכח והעושר והכבוד והחכמה והזקנה והשיבה והבנים".

דערנאך איז דער משנה מסיים: "רבי שמעון בן מנסיא אומר אלו שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים כולם נתקיימו ברבי ובבניו".

דארף מען פארשטיין: א) דער משנה רעכנט אויס שמונה דברים וואס זיינען "נאה לצדיקים ונאה לעולם" (כנ"ל) - פארוואס זאגט רבי שמעון בן מנסיא "אלו שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים"?

עס זיינען דא פארשידענע גירסאות אין דעם משנה וואס נעמען ארויס איינע פון די שמונה דברים, לדוגמא, אז עס שטילט ניט "והזקנה" און "והשיבה", עס שטילט נאר איינע פון זיי, און במילא זיינען דא נאר שבעה דברים, שטימט דאס מיט דעם וואס רבי שמעון בן מנסיא זאגט -

אבער דער אלטער רבי וואס ער האט ארייין געשטעלט פרקי אבות בסידורו (אז "נוהגין לומר פרקי אבות פרק אחד בכל שבת שבין פסח לעצרת במנחה, ויש נוהגין כך כל שבהות הקיץ"), איז מעתיק די גירסא אין דער משנה וואס רעכנט אויס אלע שמונה דברים - דארף מען פארשטיין לפי"ז פארוואס רבי שמעון בן מנסיא זאגט "אלו שבע מדות".

ב) פארוואס רעכנט ער דער ענין פון "הזקנה" און "השיבה" אלס צוויי באזונדערע ענינים, ס'איז דאך לכאו' "בכלל מאתים מנה".

די משנה זאגט אין דעם פריערדיקן פרק (פ"ה מכ"ב) אז "בן ששים לזקנה בן שבעים לשיבה" - און בשעת איינער איז א "בן שבעים לשיבה" איז ער דאך זיכער געווען א "בן ששים לזקנה", ווארום מ'קען דאך ניט זיין א בן שבעים אן פריער זיין א בן ששים - איז דאך דער ענין פון "שיבה" כולל אין זיך אויך דער ענין פון "זקנה", איז פארוואס רעכנט דאס דער משנה אלס צוויי באזונדערע זאכן?

ג) וואס איז דער ענין פון "נאה לצדיקים ונאה לעולם"?

אין מס' סנהדרין (עא, סע"ב במשנה) שטילט "כינוס של צדיקים הנאה להם והנאה לעולם", ועד"ז אין מס' סוכה (בסופו) שטילט "טוב לצדיק טוב לשכנו", וואס די ביידע ענינים פון "הנאה" און "טוב" זיינען פארשטאנדיק בפשטות וואס דאס איז, אז דאס מאכט א הנאה און מאכט גוט סיי פאר דעם צדיק אליין און סיי פאר די ארום אים.

אבער דער ענין פון "נאה", וואס דאס איז דער ענין פון שיינקייט - איז ניט פארשטאנדיק - וואס דאס איז בשעת מ'זאגט אז ס'איז "נאה לצדיק ונאה לעולם", אז ס'איז שיין פאר דעם צדיק און שיין פאר די וועלט?

ובפרט אז איינע פון די שמונה דברים וואס די משנה רעכנט אויס איז "נוי" (שיינקייט) - איז וואס איז מוסיף אז מ'זאגט דערנאך אז דאס ("נוי") איז "נאה לצדיקים ונאה לעולם"?

וכפי שיתבאר לקמן.

**כב.** כאן המקום צו מוסיף זיין ביאור אין דער פירוש רש"י וועלכע מ'האט גערעדט לעצטן שבת (ש"פ בהו"ב).

וואס מ'האט זיך דעמאלט געשטעלט אויף דעם וואס רש"י זאגט אויפן פסוק (בהר כה, מא) "ויצא מעמך הוא ובניו עמו", אז "אמר רבי שמעון אם הוא נמכר בניו מי מכרן? אלא מכאן שרבו חייב במזונות בניו".

און מ'האט אויך דערויף געפרעגט: פארוואס זאגט רש"י פירושו בשם "אמרו רבי שמעון"? ובפרט אז אין פ' משפטים אויפן פסוק (כא, ג) "אם בעל אשה הוא ויצאה אשתו עמו", זאגט רש"י אן ענליכן פירוש ווי ער זאגט דא: "וכי מי הכניסה שתצא? אלא מגיד הכתוב שהקונה עבד עברי חייב במזונות אשתו ובניו", און רש"י זאגט דארטן ניט אז דאס האט געזאגט רבי שמעון. אע"פ אז אין גמ' אין קידושין (כב, א) שטייען ביידע לימודים (סיי אין פ' בהר, סיי אין פ' משפטים) בשם רבי שמעון, ובפרט אז די גמ' זאגט ביידע לימודים פון רבי שמעון בהדא מחתא.

[דער ענין שטייט אויך אין תורת כהנים, אבער מ'קען ניט זאגן אז דאס איז מקורו פון רש"י אין פ' בהר, ווארום דארטן אין ת"כ שטייט דאס ניט בשם פון רבי שמעון, וואס דערפאר מוז מען זאגן אז מקורו פון רש"י איז פון מס' קידושין, וואס דארטן איז דער איינציקער ארט וואס דאס שטייט בשם פון רבי שמעון].

האט מען דאס דעמאלט מבאר געווען און מקשר געווען מיט די גמ' אין ב"ב (קטז, א), אז ר' שמעון בן יוחאי זאגט "כל שאינו מניח בן ליורשו הקב"ה מלא עליו עברה" - אז דערפון זעט מען אז שיטת רבי שמעון (בר יוחאי) איז אז א בן איז נוגע אין דעם עצם אב, ווארום אויב דער אב האט ניט קיין בן רירט דאס אן אין דעם אב אז דער אויבערשטער איז "מלא עליו עברה", וואס דערפאר איז דער אדון חייב במזונות בניו.

**כג.** נאך א ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט פירושו בשם פון רבי שמעון (אין אן ענין טוב (ניט אן ענין פון "עברה")):

רשב"י איז דאך געווען "תורתו אומנתו", וואס עפ"ז קען מען מבאר זיין שיטתו אז "רבו חייב במזונות בניו".

די גמ' אין קידושין (שם) איז מסביר אז דער טעם פארוואס מ'זאל האבן א הוה אמינא אז דער אדון זאל ניט זיין מחוייב אין מזונות בניו, איז: "דדריכייהו להדורי (לחזור על הפתחים (רש"י ד"ה לאהדורי)) אימא לא צריכא", ד.ה. וויבאלד אז קינדער זיינען רגיל צו גיין בעטן עסן - איז דא א הוה אמינא, אז ווען אביו שלהם ווערט אן עבד, זאל דער אדון זיינער ניט זיין מחוייב צו זיי שפייזן, דערפאר וואס זיי קענען גיין מחזיר זיין על הפתחים בעטן עסן.

קומט רבי שמעון בן יוחאי, וואס עניינו איז "תורתו אומנתו", און איז שולל לגמרי אז א קינד זאל דארפן מחזיר זיין על הפתחים זוכן עסן, נאר "רבו מחוייב במזונות בניו" - ווארום דער קינד דארף זיין "תורתו אומנתו", און בכדי ער זאל קענען זיין "תורתו אומנתו" דארף מען אים צושטעלן אלץ מן המוכן.

ווי די גמ' (ברכות לה, ב) זאגט אז דער סדר ההנהגה פון רשב"י איז: "אפשר אדם חורש בשעת חרישה וזורע בשעת זריעה כו' תורה מה תהא עלי', אלא בזמן שישראל עושין רצונו של מקום מלאכתן נעשית ע"י אחרים שנאמר ועמדו זרים ורעו צאנכם גו'".

משא"כ ר' ישמעאל זאגט אז פון "ואספת דגנך" לערנט מען אים אז עס דארף זיין "הנהג בהם מנהג דרך ארץ".

וואס בנוגע צו זריעה און חרישה, איז דאס ניט שייך בא קטנים, אבער דער ענין פון "ואספת דגנך" איז דאך שייך אויך בא קטנים, וואס דאס איז בדוגמא ווי דער ענין וואס די קטנים קומען צוגיין בעטן בא זייערע פאטערס פאר עסן, ווי די גמ' זאגט אז "דדריכייהו להדורי", נאר בא זייער פאטער דארפן זיי דאס ניט בעטן, ווארום ער גיט דאס זיי פון זיך אליין מצד טבע האב.

אבער רשב"י האלט אז אויך דער ענין פון "ואספת דגניך" איז ניטא בא קינדער ווארום בא זיי דארף זיין "תורתו אומנתו".



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס בנוגע לפועל, איז כל זמן א פאטער קען שפייזן זיינע קינדער, גיט ער דאס די קינדער, אפילו לדעת ר' ישמעאל, און זייער בעטן אים, ווארום דאס איז טבע האב.

אבער די נפק"מ צווישן ר' ישמעאל מיט רשב"י וועט זיין, בשעת דער אב פארקויפט זיך אליין [כבנדו"ד, ניט אז ב"ד האט אים פארקויפט] אלס אן עבד, וואס דעמאלט ווערט א שאלה צי דער אדון פון דעם אב דארף שפייזן די קינדער -

איז לויט שיטת ר' ישמעאל אז עס דארף זיין דער ענין פון "ואספת דגנך", איז דאס דאך אויך שייך בא קינדער (משא"כ חרישה וזריעה) - במילא האלט ר' ישמעאל אז די קינדער דארפן גיין מחזיר זיין על הפתחים בעטן עסן, און דער אדון איז זיי ניט מחוייב שפייזן.

משא"כ רשב"י וואס האלט און מאנט בא יעדן אידן אז עס דארף זיין "תורתו אומנתו" זאגט אז "רבו חייב במזונות בניו", ווארום אויך דער ענין פון "ואספת דגנך" דארף ניט זיין בא קינדער, דערפאר וואס זיי דארפן זיין "תורתו אומנתו", דארף מען זיי אלץ צוגרייטן מן המוכן, "מלאכתן נעשית ע"י אחרים".

**כד.** נאך א נקודה בזה: רשב"י באווארנט אז ניט נאר וואס דער קינד זאל ניט דארפן גיין זוכן עסן, נאר ער זאל קענען זיצן און לערנען תורה, "תורתו אומנתו" - נאר אויך אז דער קינד זאל ניט עסן פון איינעם וואס איז ניט "תורתו אומנתו".

דער אב וואס האט זיך פארקויפט אלס אן עבד, דערפאר וואס ער האט גע'גנב'ט - איז זיכער ניט אין די דרגא פון "תורתו אומנתו", ווארום אויב ער וואלט געווען "תורתו אומנתו" וואלט ער ניט געהאט קיין צייט גנב'נען!

נוסף לזה - אויב ער וואלט געווען "תורתו אומנתו" וואלט ער ניט גערארפט גיין גנב'נען, ווארום "תורתו אומנתו" איז "מלאכתן נעשית ע"י אחרים"!

דערפאר באווארנט רשב"י אז דער קינד פון אזא וואס האט זיך פארקויפט אלס עבד - זאל ניט עסן פון מזונות אביו, נאר עסן פון מזונות רבו, וואס דער אדון איז דאך יע "תורתו אומנתו", ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס ער האט דעם עבד וואס טוט זיין מלאכה, ד.ה. אז "מלאכתו" פון דעם אדון איז "נעשית ע"י אחרים".

**כה.** האמור לעיל איז בנוגע צו דעם וואס רש"י זאגט (בשם רבי שמעון) אין פ' בהר, בנוגע צו "רבו חייב במזונות בניו".

משא"כ בנוגע צו דעם וואס רש"י זאגט אין פ' משפטים, אז "רבו חייב במזונות אשתו" - איז ניט נוגע אז דאס האט געזאגט רבי שמעון, ווארום אן אשה איז ניט מחוייב אין לערנען הורה אין אן אופן פון "תורתו אומנתו", כמבואר אין הל' ת"ת אז לימוד התורה שלה איז נאר אין די הלכות וואס זי דארף טאן בפועל, און די אשה טוט אויך מלאכה - איז בנוגע צו איר ניטא דער באווארעניש פון רבי שמעון אז מ'זאל איר שפייזן אין אן אופן פון "מלאכתה נעשית ע"י אחרים", בכדי זי זאל קענען זיין "תורתו אומנתו".

וואס דערפאר שרייבט דארטן ניט רש"י אז דאס האט געזאגט רבי שמעון, ווי ער שרייבט אין פ' בהר בנוגע צו בנים.

במה דברים אמורים בנוגע צו אן אשה, אבער בשעת ער רעדט זיך וועגן בנותיו פון דער וואס איז אן עבד - איז אויך זיי דארף מען באווארענען מיט שפייז, ווארום זיי זיינען קליינע מיידעלעך וואס האבן נאך ניט געהאט צייט צו אפלערנען די הלכות אין תורה וואס זיי זיינען מחוייב לערנען, במילא דארף מען איר געבן די מעגליכקייט צו לערנען תורה אן קליינע בלבולים, דערפאר דארף איר דער אדון אויך געבן שפייז, אזוי ווי ער גיט דאס די בנים.

וכמבואר אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן די אלע דינים אין תורה וואס מיידעלעך זיינען מחוייב לערנען: וועגן אלע מצות לא תעשה, וועגן אלע מצות עשה שלא הזמן גרמא, ועד"ז וועגן פסח (אע"פ וואס דאס איז א מ"ע שהזמן גרמא), און וועגן שבת, וואס "זכור ושמור בדיבור אחד נאמרו".

און עד"ז זיינען זיי מחוייב לערנען חסידות, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט, אז אויך אינגעלעך און מיידעלעך פאר בר מצוה און פאר בת מצוה, זאלן אויך לערנען חסידות.

ווארום דורך לערנען חסידות קומט מען צו אהבת ה' ויראת ה', וואס זיי זיינען מצות פון די "שש ערי מקלט", וואס "חיובן תמידי כו'".

און ווי דער רמב"ם זאגט (הל' יסוה"ת פ"ב ה"ב): "והאיך היא הדרך לאהבתו ויראתו בשעה שיתבונן האדם כו' חכמתו כו' לידע כו'", כידוע אז דער רמב"ם איז דערמיט מרמז אויף חכמה, בינה און דעת.

**כו.** ויה"ר אז קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך, אומעטום, ובלשון פון רשב"י "רבי' דעלמא", זאלן מפיץ זיין פנימיות התורה און תורה בכלל, ועד"ז מפיץ זיין קיום המצות בהידור, ועאכו"כ קיום המצות בכלל, און דאס וועט נאכמער צוהיילען ביאת משיח צדקנו, בעגלא דידן.

* * *

**כז.** דער ביאור אין פירוש רש"י: רש"י איז ניט מעתיק פון פסוק די ווערטער "ואת ראשם לא תשא בתוך בני ישראל" - ווארום גלייך ווען דער בן חמש למקרא לערנט אין פסוק אז "אך את מטה לוי לא תפקוד" ווערט ביי אים א שטורעם'דיקע קשיא:

ער האט פריער געלערנט אין רש"י (פרשתנו א, א) אז דער ענין פון מנין באווייזט אויף א חיבה צו די וועלכע מ'ציילט, "מתוך חיבתן לפניו מונה אותם בכל שעה", ועאכו"כ אויב ער געדיינקט וואס ער האט געלערנט אין פ' שמות,

און ער ווייסט דער עילוי פון שבט לוי, ובפרט ווי ער האט געלערנט אין פ' ויחי (נ, יג) אז יעקב האט געזאגט "לוי לא ישא (ארון יעקב) שהוא עתיד לשאת הארון", און אין פ' שמות וועגן די "בתי כהונה כו'" -

איז פארוואס "את מטה לוי לא תפקוד"?!

דערפאר דארף רש"י גלייך זאגן דעם בן חמש למקרא, איידער ער לערנט עפעס ווייטער, אז מ'ציילט טאקע אויך שבט לוי, נאר "כדאי הוא לגיון של מלך להיות נמנה לבדו".

און רש"י דארף ניט אנקומען צו דעם וואס שטייט ווייטער אין פסוק "ואת ראשם לא תשא בתוך בני ישראל".

ואדרבה: פון דעם וואס שטייט ווייטער אין פסוק "ואת ראשם לא תשא בתוך בני ישראל", קען מען גאר אפפרעגן אז מ'האט בכלל געציילט שבט לוי - ווארום לכאו' איז ניט פארשטאנדיק פארוואס איז דער פסוק מכפיל און זאגט פריער "את מטה לוי לא תפקוד", און דערנאך באכאמאל דער זעלבער ענין "ואת ראשם לא תשא בתוך בני ישראל" - עס האט נאר געדארפט שטיין דער צווייטער האלב פסוק וואלט מען אלץ פארשטאנען?

וואס דערפאר וואלט מען געקענט לערנען אז דער פסוק וויל דא זאגן צוויי פרטים: ערשטענס "את מטה לוי לא תפקוד", מ'זאל ניט ציילן שבט לוי, און דערנאך גיט דער פסוק צו "ואת ראשם לא תשא בתוך בני ישראל" - ניט נאר וואס מ'זאל זיי

סתם ניט צייל, נאר אפילו "בתוך בני ישראל", ווען מ'ציילט די אנדערע אידן "ואת ראשם לא תשא", זאל מען זיי אויך ניט ציילן.

וואס דערפאר ברייגנגט רש"י ניט דעם צווייטן האלבן פסוק, נאר גלייך אויף "את מטה לוי לא תפקוד", זאגט ער זיין פירוש, אז "כדאי הוא לגיון של מלך להיות נמנה לבדו", ד.ה. אז מ'ציילט אויך שבט לוי, נאר מ'ציילט זיי באזונדער דערפאר וואס זיי זיינען "לגיון של מלך".

**כח.** עפי"ז וועט מען פארשטיין נאך א זאך: גלייך נאך דערויף וואס דער פסוק האט דא געזאגט אז "את מטה לוי לא תפקוד גו'", האט דער פסוק געדארפט ממשיך זיין ווי מ'האט בפועל געציילט שבט לוי, אז מ'האט זיי געציילט "מבן חודש ומעלה" וכו', און אעפ"כ איז דער פסוק מפסיק מיט אנדערע ענינים (דער תפקיד פון שבט לוי), און ערשט שפעטער קומט צוריק דער פסוק צו "מבן חודש ומעלה"?

עפי"ז וואס רש"י זאגט אויף "את מטה לוי לא תפקוד", אז "כדאי הוא לגיון של מלך להיות נמנה לבדו" איז דאס פארשטאנדיק:

דער פסוק דא וויל ניט רעדן וועגן מנין שבט לוי, דער פסוק וויל רעדן וועגן מעלת שבט לוי אז זיי זיינען אנדערש פון אלע אנדערע אידן, נאר אין וואס דריקט זיך דאס אויס - אין דעם וואס מ'ציילט זיי באזונדער דערפאר וואס זיי זיינען "לגיון של מלך".

און נאך דעם וואס דער פסוק איז מקדים דער כללות הנקודה אין מעלת שבט לוי, אז זיי זיינען "לגיון של מלך" - איז דער פסוק ממשיך אין וואס באשטייט דער אנדערשקייט פון שבט לוי, וואס זיי זיינען "לגיון של מלך", און דער פסוק איז מאריך אין דער תפקיד פון שבט לוי אין דעם משכן, וואס דערפון זעט מען פארוואס שבט לוי איז "לגיון של מלך".

און נאך דעם וואס מ'ווייסט פארוואס שבט לוי איז "לגיון של מלך", דערציילט דער פסוק ווי מ'האט זיי געציילט בפועל, "מבן חודש ומעלה" וכו'.

**כט.** ווען מ'קומט צום פסוק "מבן חודש ומעלה תפקדם" שטעלט זיך די שאלה: די אלע ענינים וואס ווערן אויסגערעכנט אין פסוק בנוגע צו עבודת הלויים אין משכן איז דאך ניט שייך צו א קינד בן חודש - איז מיט וואס ווערן אויך די לוים "מבן חודש ומעלה" אנגערופן "לגיון של מלך"?

באווארנט דאס רש"י דערמיט וואס ער זאגט אויף "מבן חודש ומעלה": "משיצא מכלל נפלים הוא נמנה ליקרא שומר משמרת הקודש", ד.ה. אז דאס וואס א לוי "מבן חודש ומעלה" ווערט אנגערופן "לגיון של מלך" איז דאס דערפאר וואס ער איז "שומר משמרת הקודש".

איז אבער דאס גופא ניט פארשטאנדיק: מיט וואס איז א לוי "מבן חודש ומעלה" "שומר משמרת הקודש"?!

איז דער ביאור אין דעם: דער אופן ווי די לוים האבן שומר געווען אויפן משכן דערציילט דער פסוק פריער (פרשתנו א, נג) "והלוים יחנו סביב למשכן גו' (און דורך דערויף) ושמרו הלוים את משמרת משכן העדות".

וואס דער חנו' פון די לוים "סביב למשכן" איז געווען בא די קטנים ("מבן חודש" און נאך איינגער) פונקט אזוי ווי בא די גדולים.

ואדרבה: די קטנים זיינען געווען בעיקר די וואס זיינען געווען "יחנו סביב למשכן", ווארום די גדולים, די זכרים, זיינען דאך געגאנגען עובד זיין עבודתם במשכן, זיינען זיי דאך ניט געווען אין די אוהלים "סביב למשכן" ועד"ז די נקבות

זיינען דאך געגאנגען איינקויפן בא די אומות העולם די זאכן וואס מ'האט געדארפט האבן אין שטוב, במילא זיינען זיי אויך ניט געווען די גאנצע צייט אין די אוהלים "סביב למשכן" די איינציקע וואס האבן זיך געפונען אין די אוהלים "סביב למשכן" זיינען געווען די גאר קליינע קינדער וואס זיינען נאך בעריסן, ווארום זיי האבן ערגעץ ניט געקענט גיין.

קומט דאך אויס דאס וואס שטייט "והלוים יחנו סביב למשכן גו' ושמרו הלוים את משמרת משכן העדות" גייט בעיקר אויף די קטנים.

וואס דערפאר ווערן אויך ואדרבה - דוקא די לויים "מבן חודש ומעלה" אנגערופן "שומר משמרת הקודש".

**ל.** דערפון האט מען די הוראה בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט אז מ'זאל ברייגגען אויך די קינדער "מבן חודש ומעלה" צו קריאת עשרת הדברות בחג השבועות.

וואס עס זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן: פארוואס זאל מען ברייגגען גאר קליינע קינדער צו קריאת עשה"ד, בשעת זיי פארשטייען ניט וואס דאס איז?

איז כמדובר כמ"פ, געפינט מען יעדער זאך בגלוי (אדער ברמז) אין נגלה דתורה - ועד"ז בענין זה איז דא א הוראה מפורשת אין תורה, און נאכמער - א מעשה רב:

עס שטייט (ירושלמי יבמות פ"א ה"ו) אויף ר' יהושע בן חנני', אז זייענדיק נאך א גאר קליין קינד אין וויגעלע, ב"עריסתו", פלעגט זיין מאמע - "אשרי יולדתו" (אבות פ"ב מ"ט) - ברייגגען אים אין בית המדרש הערן וואס מען לערנט "בשביל שיתדבקו אזניו בדברי תורה". "היתה אמו מולכת עריסתו לבית הכנסת" וואס ריב"ח נאך זייענדיק ב"עריסתו" האט זיכער ניט פארשטאנען וואס אביי און רבא און די תנאים וואס זיינען דעמאלט געווען האבן געלערנט.

ווארום ער איז דאך געווען בעריסתו, וואס דאס איז נאך פאר תינוק שמתחיל לדבר, וואס דאס איז צו צוויי יאר, ווי עס שטייט אין שו"ע, און א קינד בעריסתו איז זיכער אינגער פאר דעם, כמובן בפשטות.

אבער אעפ"כ האט זיין מאמע אים געבראכט הערן תורה אין ביהמ"ד, און דאס האט געהאט א פעולה אויף אים אויך דערנאך, ווי מ'זאגט אז "אשרי יולדתו" איז שבחו פון ריב"ח, ווייל דער הערן תורה וואס ער האט דעמאלט געהערט זייענדיק בעריסתו - האט בייגעטראגן, גע'פועל'ט אז ער איז דערנאך געווארן איינער פון די חכמים בדורו.

ביז אז ווען מען רעכנט אויס שבחו, אן עיקר'דיקן שבח (ווי בא ר"א בן הורקנוס - "בור סוד שאינו מאבד טפה") - איז דאס "אשרי יולדתו".

**לא.** וואס דאס איז בנוגע צו הערן תורה וואס מען **לערנט**, וואס הבנה והשגה איז אן עיקר ותנאי אין לימוד התורה - אז כאטש ער האט ניט פארשטאנען ליגנדיק בא זיך אין וויגעלע די תורה וואס ער האט געהערט - זאגט מען אבער אז דאס האט א פעולה אויך דעמאלט.

און דאס איז ניט קיין ענין פון "חוקה חקקתי גזירה גזרתי", אן קיין הסברה בדבר - נאר דאס איז ע"ד הידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט (לקו"ד כרך א כה, ב ואילך).

ועאכו"כ בנוגע צו הערן קריאת התורה, וואס אע"פ וואס לא ידע מאי קאמר - איז ער מקיים מצות ת"ת מדאורייתא ומדרבנן ולכתחלה, ער מעג און מוז מאכן ברכות התורה לפני' ולאחרי' וכו'.

וואס דערפאר איז א זיכערע זאך אז בשעת א קליין קינד הערט קריאת התורה האט דאס א פעולה אויף אים אפילו אז ער פארשטייט ניט וואס עס איז.

בשעת א איד איז עולה להורה דא למטה אין "תחתיים", איז אפילו אויב לא ידע מאי קאמר, און ער ווייסט ניט וואס צו מכוון זיין, איז זיין עלי' לתורה אין אלע עולמות - (אויך) אין "שניים שלשים רבעיים וחמישיים", וואס דאס זיינען כנגד רוח, נשמה, חי' און יחידה שבנשמה.

און כאטש אז "תחתיים", דער נפש (המלובשת בגוף) וואס געפינט זיך אין "תחתיים" ווייס ניט - איז אבער די העכערע דרגות, רוח נשמה חי' און יחידה, וואס זיינען אין "שניים" "שלישיים" "רביעיים" און "חמישיים" - ווייסען יע.

ע"כ דברי הרב.

איז צי דען וואס דער נפש (המלובשת בגוף) ווייסט ניט און זעט ניט וואס עס טוט זיך אפ ווען ער איז עולה לתורה - זאל דאס אנרירן דאס וואס קומט צו אין רוח, נשמה, חי' און יחידה שבנשמה?!

ווארום ס'איז דאך א זיכערע זאך אז יענע דרגות ווייסן און זעען וואס עס קומט צו אין זיי, ווארום "מזלייהו חזי", ס'איז מערניט וואס דער נפש (המלובשת בגוף) ווייסט און זעט דאס ניט.

און סוף סוף, פועל'ט דאס וואס די העכערע דרגות אין דער נשמה (רוח, נשמה, חי' און יחידה) ווייסן און זעען דאס, אויך אויף און אין דרגת נפש (המלובשת בגוף).

**לב.** ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו גאר קליינע קינדער, אז אלץ וואס זיי זעען אדער הערן אלץ קליינע קינדער אין עריסן, וואס לכאו' פארשטייען זיי בכלל ניט וואס זיי זעען אדער הערן - איז אבער להיחידה שבנשמה שלהם, ועד"ז שאר חלקי הנשמה זעען און הערן דאס, און דאס האט א השפעה אויף דער קינד דערנאך ווען ער וואקסט אויך אויף דער נפש המלובשת בגוף.

וואס דאס איז אויך דער טעם אויף דער מנהג-ישראל צו אויפהענגען שיר המעלות און אנדערע פסוקי תורה אין דעם שטוב פון א ניי געבארענעם קינד, אפילו נאך איידער דער קינד ווערט געבארן - בכדי אז די ערשטע זאך וואס דער קינד זאל זען כשיצא לאויר העולם זאל זיין פסוקי תורה, און אין אותיות מרובעות,

כידוע וואס דער אלטער רבי שרייבט אין שער היחוד והאמונה אז די ציור האותיות באוויזן אויף דער אופן ההמשכה פון אלקות ווי דאס קומט ארויס בגשמיות דא למטה אין עוה"ז התחתון.

וואס הגם אז דער קינד פארשטייט דאס ניט בשעת מעשה - פארשטייט דאס אבער יחידה שבנשמה שלו, און דאס וועט סוף סוף פועל'ן אויך אויף דער חלק הנפש המלובשת בגוף.

**לג.** נוסף לכל האמור לעיל קומט צו וואס מ'האט פריער גערעדט בנוגע צו שבט לוי, אז "מבן חודש ומעלה" איז יעדער קינד "שומר משמרת הקודש".

וואס דאס איז ניט נאר בנוגע צו שבט לוי, נאר בנוגע צו אלע אידן - ווארום בדוגמא ווי שבט לוי איז אויסגעטיילט פון צווישן אלע אידן, עד"ז זיינען אלע אידן אויסגעטיילט פון צווישן אלע גוילים.

ווי עס שטייט "ובנו בחרת מכל עם ולשון", כמבואר אין תניא אז די בחירה אין אידן איז דוקא געווען אין גופם, און ניט אין נפש האלקית זייערע, ווארום

וויבאלד אז דער נפש האלקית איז א "חלק אלוקה" - איז אויב ער וויל א "חלק אלוקה", דארף ער נעמען דעם נה"א, און אויב ער וויל ניט קיין חלק אלוקה, דארף ער ניט נעמען דעם נה"א - האט ער כביכול קיין ברירה ניט.

משא"כ דער גוף פון א אידן וואס איז א "גוף החומרי הנדמה בחומריותו לגופי אומות העולם" - איז דוקא אין אים שייך זאגן "ובנו בחרת".

און וויבאלד אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין דער גוף פון א אידן, האט ער אים אפגעגעבן זיין תורה, בתור ירושה, "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", וואס דער ענין פון ירושה ווערט גלייך בשעת א קינד איז יוצא לאויר העולם.

און דאס זאגט מען בנוגע צו יעדער אידן, אז תיכף משיצא לאויר העולם ווערט ער א יורש פון כל התורה כולה, ביז אין אן אופן אז יעדער איד איז ווי א בן יחיד בא דעם אויבערשטן, דער נותן התורה, און יעדער בת ישראל איז ווי א בת יחידה בא דעם נותן התורה, און במילא איז יעדער איינער יורש כל התורה כולה.

**לד.** און דער אויבערשטער האט אפגעגעבן זיין תורה צו יעדער אידן אין אן אופן אז יעדער איד זאל זיין "שומר משמרת הקודש" - אפהיטן די תורה, וכמובן דערפון וואס די גמ' (שבת פח, ב) זאגט אז די תורה וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן אידן איז "חמודה גנוזה" פון דעם אויבערשטן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן אידן פון אלע אומות, און אפילו פון מלאכים, און געגעבן זיי "חמודה גנוזה" - איז צי דען האט ער זיי דאס געגעבן אז זיי זאלן דאס ניט היטן?

נאר ס'איז א זיבערע זאך אז מיט געבן "חמודה גנוזה" צו יעדער אידן - טרויט דער אויבערשטער אז זיי וועלן אפהיטן זיין "חמודה גנוזה", אפהיטן איר כדבעי.

און ס'איז אויך זיכער אז ער האט געגעב יעדן אידן די כח צו דאס אפהיטן.

און כאמור, די "חמודה גנוזה" איז ניט נאר אפגעגעבן געווארן צו גדולים, נאר אויך צו קטנים, צו יעדער אידיש קינד אז ער זאל זיין "שומר משמרת הקודש" אויף דעם "חמודה גנוזה" פון דעם אויבערשטן.

כמובן אויך דערפון וואס די גמ' איז דארטן ממשיך, אז ווען די מלאכים זיינען געקומען מיט טענות פארוואס דער אויבערשטער גיט "חמודה גנוזה" דוקא צו אידן דא למטה, האט משה זיי געענטפערט: "כלום אב ואם יש לכם".

וואס אב ואם איז דאך דא אויך בא א קליין אידיש קינד וואס איז ערשט געבארן געווארן [דער ענין פון "משא ומתן יש בינכם" איז ביי אים ניט שייך אבער "אב ואם" איז דא אויך ביי אים] - און צוליב דערויף גיט מען אפ דער "חמודה גנוזה" צו דעם אידיש קינד ער זאל אויף איר זיין "שומר משמרת הקודש".

ועד"ז דאס וואס משה האט געענטפערט די מלאכים אז עס שטייט דאך אין די תורה "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים" - איז "למצרים ירדתם, לפרעה השתעבדתם? תורה למה תהא לכם"? -

איז דאס אויך שייך במיוחד צו קטנים, ווארום אויף זיי איז געווען דער עיקר הגזירה אין מצרים, "כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו גו'", וואס דאס האט דערנאך געבראכט צו "הם הכירוהו תחלה" ארויסגייענדיק פון מצרים.

**לה.** און אזוי ווי דאס איז געווען בא לצי"מ דעמאלט, עד"ז איז דאס אין יצי"מ בכל יום ויום, אז דאס האט א שייכות מיוחדת מיט קטנים, און דערפאר האבן זיי

אויך א שייכות מיט דער "חמודה גנוזה", וואס איז אפגעגעבן געווארן צו די וואס זיינען יורד געווען אין מצרים, און זיי זיינען די וואס "שומר משמרת הקודש",

ביז אז פון יצי"מ גייט מען צו מ"ת, און אזוי ווי ס'איז דעמאלט געווען, אז ס'איז געווען ספירת הימים [בדוגמא צו ספירת העומר היינט], ווי דער ר"ן זאגט בשם פון אגדה [וואס "רוב סודות התורה גנוזין בה"], אז ארויסגייענדיק פון מצרים האבן די אידן געציילט די טעג ביז מ'וועט שוין אנקומען צו מ"ת -

עד"ז אויך היינט ארויסגייענדיק פון זמן חירותינו, ציילט מען ספיה"ע ביז מ'קומט צו זמן מתן תורתנו, ווען מ'באקומט די "חמודה גנוזה" פון דעם אויבערשטן פון דאס ניי.

**לה.** וואס דאס איז דער קישור (ניט ע"ד הצחות) צו דעם וואס מ'האט גערעדט אז מ'זאל ברייגגען די קינדער, ביז גאר קליינע קינדער, "מבן חודש ומעלה" (און נאך פריער), צו קריאת עשרת הדברות בחג השבועות.

און אע"פ אז די גאר קליינע קינדער וועלן ניט פארשטיין וואס דאס איז - איז אבער כמדובר לעיל בארוכה, אז זייער יחידה און שאר חלקי נשמה הערט דאס, און דאס האט אויך א פעולה אויף דעם נפש (המלובשת בגוף), אז דערנאך ווען דער קינד וועט אויפוואקסען וועט די עשה"ד וואס ער האט געהערט זייענדיק א קליינער קינד, האבן א השפעה און פעולה אויף אים.

וע"ד הביאור אין דעם מארז"ל (נדה ל, ב) כשהתינוק במעי אמו "מלמדין אותו כל התורה כולה", און דערנאך "כיון שבא לאויר העולם בא מלאך וסטרו על פיו ומשכחו כל התורה כולה".

פרעגט מען אויף דערויף: וויבאלד אז סיי ווי מאכט מען אים פארגעסן אלץ וואס ער האט געלערנט - איז צוליב וואס לערנט מען דאס מיט אים לכתחלה?

און מ'איז מבאר (לקו"ת שלח מד, א. אוה"ת שה"ש ריש ע' עב. ועוד) אז וויבאלד מ'האט מיט אים געלערנט תורה במעי אמו, איז ווען ער וועט שפעטער לערנען תורה (ווען ער וועט אויסוואקסען), וועט דאס ביי אים ניט זיין קיין נייע זאך, ד.ה. אז דאס וואס מ'האט אים געלערנט תורה במעי אמו גיט אים כח אויף לערנען תורה שפעטער.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק במכ"ש בנדו"ד - ווארום במעי אמו לערנט ער ניט תורה אלס א נשמה בגוף, און דערנאך איז אויך דא דער "סטרו על פיו ומשכחו כל התורה כולה", משא"כ בנדו"ד הערט ער די עשרת הדברות שוין זייענדיק אין "אויר העולם", במילא איז ניטא דער "שנעל", דער "סטרו על פיו" - איז דערפאר א זיכערע זאך אז דאס וועט פועל'ן אויך אויף שפעטער.

**לו.** דער עיקר כוונה פון די גאנצע רייד איז ניט אז דאס זאל בלייבן דברים בטלים, נאר בכדי אז דאס זאל ברייגגען צו א מעשה בפועל.

אז מ'זאל טאן בפועל ממש אין די אלע ענינים המדוברים לעיל - בכללות די השתדלות מיט קינדער, ביז מיט גאר קליינע קינדער, אנהויבנדיק דערפון וואס מ'וועט טאן אין ברייגגען וואס מערער קינדער אין בתי כנסיות צו הערן די עשרת הדברות דעם חגה"ש.

וע"ד דער סיפור הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (סה"ש תש"ה ע' 100 ואילך), אז דער מלמד זיינער האט געזאגט צו אלע תלמידי החדר בערב חגה"ש "קינדערלעך קומט איך וועל אייך פירן צו מ"ת", און ער האט מוסיף געווען אז בחגה"ש זאלן זיי בהשכמה קומען אין ביהמ"ד צו קבלת התורה.

וואס די אלע וואס האבן ביז איצטער געטאן מיט קינדער, זאלן נאכמער מוסיף זיין אין דעם, און די אלע וואס האבן מסיבות שונות דערווייל ניט געטאן אין דעם, - דערפאר וואס בעצם האבן זיי געדארפט טאן אין דעם, נאר בפועל טוען זיין ניט - זאלן זיי עכ"פ מכאן ולהבא אנהויבן טאן אין דעם וואס מ'שטורעמ'ט שוין א משך זמן בנוגע צו קינדער, והלואי אלע וואלטן זיך אין דערויף גע'שטורעמ'ט.

און די וואס שלאפן בשעת מ'רעדט די ענינים, און בשעת זיי שטייען אויף פרעגן זיי זיך נאך וואס מ'האט גערעדט - זאל מען זיי דאס איבערגעבן.

וואס דא רעדט מען ניט נאר בנוגע אזוינע וואס שלאפן כפשוטו, נאר אויך בנוגע צו אזוינע וואס שלאפן אין דעם זין אז זייער מחשבה ליגט בכלל ניט דא, נאר דאס ליגט אין דעם טלפון וואס מ'האט באקומען און גערעדט דברים בטלים בערב שבת, און דער המשך וואס וועט זיין אין דעם טלפון במוצאי שבת און ביום ראשון -

זאל מען זיי אויך איבערגעבן דאס וואס מ'רעדט דא נאכדעם וואס זיי וועלן זיך אויפכאפן פון זייער "שלאף" מיט אפענע אויגן, אבער זייער מחשבה געפינט זיך במקום אחר.

וואס די רייד זיינען געווענדעט צו די אלע צו וועמען דאס פאסט, כידוע דער סיפור מיטן צ"צ, אז ער האט געזאגט אז ער הייבגט אויף דער היטל אויפן טשוואק, און יעדערער זאל קומען און אויספראווון צי דאס פאסט פאר אים, און דער וועמען עס פאסט זאל דאס אנטאן, און דער צ"צ האט מסיים געווען: און אים מיין איך טאקע!

**לז.** ויהי"ר אז עס זאל זיין דער "שאו את ראש גו' לגלגלותם", ווי ס'איז דא די אלינפאל פון אחרונים, אז "לגלגלותם" איז מרמז אויף כל גל וגל, וואס דאס איז ל"ג בעומר, יום הסתלקות פון רבי שמעון בן יוחאי.

וואס "כדאי הוא ר' שמעון לסמוך עליו בשעת הדחק", וואס אין אנדערע ערטער שטייט דאס אויך בנוגע צו ר' אלעזר בנו פון רשב"י, אבער בעיקר גייט דאס אויף רשב"י.

און דער "שעת הדחק" ווי מ'טייטשט דאס איז זמן האחרון - גייט אויף זמן הגלות אז ס'איז "כדאי לסמוך עליו" אין די לעצטע טעג פון גלות, אז בזכותו וועט מען ארויסגיין פון גלות.

און עס וועט זיין "שאו את ראש גו' לגלגלתם", וואס דאס מיינט אז דער ראש אליין איז ניט מספיק, נאר מ'דארף אנקומען צו "שאו את ראש".

דורך דערויף וואס מ'וועט מפיץ זיין תורתו פון רשב"י, רזין דאורייתא, ובלשון הידוע "כשיפוצו מעינותיך חוצה", וועט זיין קא אתי מר דא מלכא משיחא, במהרה בימינו ממש.

* * *

**לח.** דער ביאור השייכות פון דעם וואס עס שטייט אין זהר פרשתנו "עאל לבי כנישתא מעטר בטוטפי", און דער ביאור אין די הערות, מיט קינדער:

ס'איז דאך דא א סיפור וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט וועגן ר' הלל פאריטשער, און ויבאלד אז "מילתא אלבישייהו יקירא" (שבת י, ב) איז כאן המקום צו דאס איבער'חזר'ן:

ר' הלל האט אמאל געזאגט אז ער האט אנגעטאן דעם טלית פאר די תפילין, און דער הסברה בזה איז - אז ער איז געווארן א חתן פאר זיין בר מצוה, במילא האט ער אנגעטאן א טלית פאר תפילין.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ועד"ז איז דאס בא יעדער קטן, וואס מ'טוט אים אן פריער א טלית קטן, כידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר זאגט (היום יום ע' נא) אז פון שלשה שנים, פון אפשערעניש, זאל מען מרגיל זיין דעם קינד מיט נשיאת טלית קטן. און ערשט שפעטער ווען ער ווערט בן י"ג שנה, אדער ב' ג' חדשים פאר בר מצוה, טוט ער אן תפילין.

[כידוע דער מנהג וואס רבותינו נשיאינו האבן אנגענומען, אז מ'זאל אנהויבן לייגן תפילין פון ב' אדער ג' חדשים פאר בר מצוה, מיט א ברכה, בכדי צו אים מרגיל זיין.

וואס עס זיינען דאך דא אזויגע וואס תואנה הם מבקשים, טענה'ן זיי ווי קען מען לייגן תפילין פאר בר מצוה ובפרט מיט א ברכה וכו' -

אבער אין לנו אלא דברי רבותינו נשיאנו].

וצריך ביאור וואס איז דער חילוק צווישן א טלית (קטן) מיט תפילין, אז א קטן לייגט נאר א טלית קטן, משא"כ תפילין לייגט ער ניט ביז (ב' אדער ג' חדשים אילדער) ער ווערט א גדול.

**לט.** והביאור בזה (וואס מ'קען מסביר זיין אויך א קטן):

א טלית קטן באשטייט פון בגד און ציצית.

וואס ענינו פון ציצית איז בפשטות - ווי עס שטייט אין פסוק (שלח טו, לט) "וראיתם אותו וזכרתם את כל מצות ה' גו'", ד.ה. אז די כוונה פון די ציצית איז אז מ'זאל זיי זען און דורך דערויף דערמאנען זיך אויף אלע מצוות.

וואס דאס איז ניט נאר בנוגע צו גדולים, נאר אויך בנוגע צו קטנים, אז די ציצית פועל'ן אויף אים אז ער זאל זיך דערמאנען אויף אלע מצוות.

ובפרט בנוגע צו א קטן וואס איז שוין א בן חמש למקרא, האט ער דאך געלערנט וואס רש"י זאגט אים אין פ' שלח (שם) "שמנין גימטריא של ציצית שש מאות ושמונה חוטים וחמשה קשרים הרי תרי"ג".

עד"ז בנוגע צו דעם בגד פון א טלית קטן פארשטייט דער קינד וואס ענינו און פעולתו איז:

דער קינד זעט בפשטות אז דער בגד פארדעקט אים, און דאס געפינט זיך צווישן גופו און בחוץ, וואס דורך דערויף באשיצט דאס אים פון דער חמה, פון גשם, פון קור וחום וכו'.

וואס עד"ז פארשטייט ער ווי דאס איז ברוחניות העניגים בנוגע צו דער בגד פון א טלית קטן:

עס איז דא א קור וחום, גשם ושלג וכו' וואס א גוי שאט דאס ניט, אבער א אידיש קינד דארף זיך דערפון היטן, און במילא זיך דערפון באשיצן, דורך טראגן א טלית קטן וואס פארדעקט זיין גוף, עכ"פ א חלק פון זיין גוף, און ווען ער וועט עלטער ווערן און ער וועט טראגן א בגד ע"פ דעם שיעור, וועט דאס פארדעקן רובו פון זיין גוף.

וע"ד מארז"ל אז במצרים "לא שינו ישראל את לבושיהם" (אדער ווי די צווייטע גירסא "מלבושיהם") וואס די מעלה בזה באשטייט אין דעם וואס די לבושים פון א אידן, דארפן זיין אנדערש פון די לבושים פון א גוי, וואָרום א איד דארף זיך באשיצן פון זאכן וואס א גוי דארף זיך דערפון ניט באשיצן, איז בשעה אידן "לא שינו לבושיהם" איז בזכות זה נגאלים ממצרים.

מ. דאס איז אלץ בנוגע צו דער ענין פון טלית קטן, אז דאס דערמאנט אויף כללות ענין פון תרי"ג מצוות, און דאס פארדעקט און באשיצט דער גוף פון א אידן.

ד.ה. אז דאס איז אן ענין כללי אין תומ"צ און אין אידישקייט, אבער דאס גייט ניט אריין אין פרטים און אינעווייניק אין דעם גוף, נאר דאס פארדעקט דעם גוף מבחוץ.

דער ענין פון תפילין אבער, איז פארבונדן מיט אן ענין פרטי אין דעם מענטשן, מיט מוח ולב האדם, וואס תפילין איז עניננו לשעבד הלב והמוח.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז תפילין איז שייך דוקא בי איינעם וואס האט א מוח ולב, און ער נוצט זיין מוח ולב, און תפילין קומט און טוט אויף אז עס זאל זיין שעבוד הלב והמוח.

און אע"פ אז תפילין איז אויך מחוץ להגוף, מ'לייגט דאס על הראש, דאס איז מעטר און מקיף הראש, און דאס איז ניט נכנס לפנים הגוף - אבער דערפון גופא אז תפילין דארף זיין כנגד המוח און כנגד הלב, איז פארשטאנדיק אז דאס האט א שייכות צו מוח ולב, ביז אז דאס איז זיי משעבד.

וואס דערפאר איז דער ענין פון תפילין שייך דוקא צו א גדול, א בן שלש עשרה, וואס האט שוין אן ענין פון דעת במוח שלו, און רגש בלב שלו, און תפילין איז משעבד זיין לב און זיין מוח.

משא"כ דער ענין פון ציצית, וואס דארף דערמאנען אויף כללות ענין המצוות, און וואס דארף באשיצן א אידישן גוף פון ענינים אין וועלט - איז דאס ניט נאר שייך צו א גדול, וואס האט א מוח ולב, נאר אויך צו א קטן, ביז צו א קטן שבקטנים, ווארום אויך ער איז א איד.

און דער חילוק פארשטייט אפילו א קינד, אז בנוגע צו אן ענין וואס איז פארבונדען מיט מוח ולב, און שעבוד הלב והמוח, תפילין, איז דאס שייך דוקא צו גדולים, משא"כ אן ענין כללי אין תומ"צ, און אן ענין וואס באשיצט אים פון ענינים בלתי רצויים, א טלית קטן, איז שייך אויך צו אים.

**מא.** ע"ד ווי דאס איז בא כללות בני ישראל, אז קטנים זיינען שייך צו א טלית קטן, און גדולים - צו תפילין - איז אויך דא אין כללות ימי חייו פון כאו"א.

וכידוע תורת הבעש"ט בנוגע צו די מ"ב מסעות (כש"ט הוס' כג), אז די אלע מ"ב מסעות זיינען פאראן בא יעדער אידן במשך ימי חייו, אנהויבנדיק פון לידת האדם, ביז ער קומט צו מאה ועשרים שנה.

וואס דאס איז - אז כאו"א איז פריער א קטן, וואס דעמאלט האט ער שייכות בעיקר מיט דער ענין כללי פון מצוות, א טלית קטן, און דערנאך ווען ער ווערט א גדול הויבט ער אן אויך לייגן תפילין, ער גייט אריין אין די פרטים אין עבודת האדם, שעבוד הלב והמוח.

ועי"ד ווי דאס איז אין כללות ימי חיי האדם - עד"ז איז דאס אויך אין עבודת האדם בכל יום:

גלייך ווען א איד שטייט אויף פון שלאף איז ער א ברי' חדשה, אזוי ווי א קטן, און דערנאך גייט ער דורך עבודתו במשך כל היום, ביז ער לייגט זיך שלאפן, וואס דעמאלט איז "בידך אפקיד רוחי".

און ע"ד ווי בכללות חיי האדם, איז א איד פריער א קטן, און ער האט דעמאלט א שייכות צו דער ענין פון טלית קטן, און דערנאך ווערט ער א גדול, דער ענין פון תפילין -

עד"ז איז דאס אויך אין עבודת האדם בכל יום: פריער טוט אן א איד דעם טלית, ווארום קודם כל דארף א איד האבן א שייכות צו דער ענין כללי פון תומ"צ, און ער דארף זיך באשיצן פון אלע ענינים בלתי רצויים, וואס דאס טוט ער אויף דורך אנטאן א טלית, וואס איז מקיף את האדם און אן ענין כללי.

דערנאך דארף דאס אראפקומען אין אן עבודה פון פרטים, אין זיין מוח ולב, ביז אז ער איז משעבד זיין לב ומוח.

דערנאך דארף זיין "מעטר בטוטפי": נאכדעם וואס ס'איז דא עבודה מיט זיין מוח, דארף זיין "שאו את ראש גו' לגלגלותם", וואס דאס טוט ער אויף דורך דערויף וואס ער איז מכסה די תפילין (עכ"פ מקצת התפילין) מיט דעם טלית, כמבואר אין די הערה.

**מב.** ע"פ המבואר לעיל איז פארשטאנדיק די שייכות פון קטנים מיט דער זהר און המבואר אין די הערה (אין פ' קדושים) אויפן זהר - אז בכללות זיינען קטנים דער ענין פון טלית (קטן), און גדולים - דער ענין פו תפילין.

און פריער דארף זיין די עבודה פון קטנים, פריער אנטאן דעם טלית (קטן), און ערשט דערנאך די עבודה פארבונדן מיט גדולים, לייגן תפילין.

און דאס האט א שייכות צו אלע קינדער, אויך צו קטנות - ווארום כאטש אז ביי קטנות איז בלטא דער ענין פון טראגן א טלית קטן - איז אבער דער זכר מוציא זיי דורך דעם וואס ער איז דאס מקיים, ווארום דאס איז א מ"ע שהזמ"ג, כמבואר אין כהבי האריז"ל, ואין כאן מקומו להאריך בזה.

וואס דאס איז ע"ד ווי בכמה ענינים זיינען די מיידעלעך מוציא און מאכן ליכטיק פאר די זכרים, ווי דאס איז אין דער מצוה פון נרות שבת קודש, וואס דאס צינדן די מיידעלעך, און דורך דעם מאכן זיי ליכטיק דעם גאנצן שטוב אויך פאר די זכרים.

ועד"ז זיינען דא כמה ענינים וואס די זכרים מאכן ליכטיק פאר די נקבות, דורך "נר מצוה ותורה אור".

דער ענין וואס נקבות זיינען יוצא און מאכן ליכטיק פאר די זכרים - געפינט מען נאכמער אין דעם ענין המדובר לעיל וועגן "תורתו אומנתו".

מ'געפינט בכ"מ אז ווען דער מאן איז "תורתו אומנתו", איז דער פרוי דער וואס גייט ארבעטן, בכדי אז דער מאן און די משפחה זאלן האבן וואס צו עסן.

וואס אע"פ אז "כבודה בת מלך פנימה", זעט מען אבער אז אזוי האבן זיך געפירט כמה נשים וואס זייערע מענער זיינען געווען "תורתם אומנתם".

און ווי מ'זעט דאס אויך בפועל בזמננו, ובפרט במדינה זו - אז כמה נשים ארבעטן, וואס צי ס'איז כרצון חכמים אדער ניט, און צי ס'איז גוט אדער ניט - איז אבער ווילבאלד אז אזוי איז די מציאות בפועל, דארף מען דאס אויסנוצן אין אן ענין פון תורה, און עבודת ה'.

**מג.** די הוראה בפועל וואס מ'נעמט ארויס פון דער שייכות פון קטנים מיט א טלית (קטן) און גדולים מיט תפילין:

פריער דארף זיין די התעסקות מיט קטנים, בדוגמא ווי פריער טוט מען אן דעם טלית, און דאס איז די הקדמה און הכנה אז דערנאך ווען מען לייגט תפילין זאל דאס זיין כדבעי ובתכלית השלימות, און אפילו נאך דערויף וואס מ'לייגט די תפילין דארף זיין דער ענין פון "מעטר בטוטפי", אז דורך דעם וואס מ'פארדעקט די תפילין מיטן טלית קומט צו נאכמער שלימות אין די פעולה פון די תפילין.

וואס דאס איז דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים". אז די קינדער האבן א גרעסערע און טיפערען פעולה אויף די עלטערן, ווי די עלטערן האבן מצ"ע.

און ווי דער מגיד שרייבט בתחילת ספרין, אור תורה און לקוטי אמרים, אז דוקא א קטן פועל'ט אויף אבין, ווארום ס'איז "כי נער ישראל ואוהבהו", און "יעקב הוא הקטן" און דוד הוא הקטן".

און ווי די וואס האבן געטאן אין פועל'ן אויף קינדער זעען דאס במוחש, אז בשעת די קינדער גייען בעטן די עלטערן צו טאן עפעס, און זיי בעטן דאס ווי קינדער בעטן בא עלטערן א זאך - פועל'ן זיי באיי"ע מערער ווי אויב מ'וואלט אליין געגאנגען צו די עלטערן, אדער ווער עס זאל נאר זיין וואלט געגאנגען צו די עלטערן.

איז די וואס האבן געטאן אין, דעם האבן טאקע גע'פועל'ט, מ'וויל דאך אבער האבן אז מ'זא טאן מיט אלע אידן - דארף מען דאך האבן אז אלע די וואס קענען עפעס טאן אין דעם זאלן גיין טאן.

און די וואס האלטן אז וואס איז דאס פאר א דרך גיין צו די קינדער - זאל זיין "ובחנוני נא בזאת" - זאל מען גיין אויספראוועו רעדן מיט קינדער אז עס זאל זיין "והשיב לב אבות על בנים", אז זיי זאלן גיין רעדן מיט די עלטערן - וועט מען זען וויפיל הצלחה מ'וועט האבן, און ווי די וואס האבן ביז איצטער געטאן האבן געזען בפועל. (חסר הסיום).

**מד.** דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות: דער חילוק צווישן "נאה" מיט "הנאה" און "טוב", איז:

דער ענין פון הנאה און טוב (גוטס) איז שייך צו א מענטשן אפילו ווען ער געפינט זיך בא זיך אליין, און ס'איז ניטא קיין זולת.

משא"כ דער ענין פון נאה, שיינקייט, איז ניט שייך ביי א מענטשן בשעת ער געפינט זיך אליין: ער קען אפלעבן א גאנצער לעבן אין א מדבר וואו עס געפינען זיך ניט קיינע מענטשן, און אויב ער האט ניט קיין שפיגעל - וועט ער קיינמאל ניט וויסן צי ער איז נאה אדער מכוער.

בנוגע אבער ווי א זולת קוקט אויף דעם מענטשן איז פונקט פארקערט:

אלע שלימות וואס דער מענטש האט, סיי בשכל סיי במדות וכו' - מאכט דאס קיין נפק"מ ניט צו א זולת, ווארום ער זעט דאס ניט במילא קוקט ער אויף דעם ניט, א זולת זעט נאר צי דער מענטש איז נאה, אדער ער איז מכוער, און דאס מאכט אויף אים דעם גאנצן רושם וואס פאר א מענטש דאס איז, ווי די גמ' דערציילט אין תענית "כמה מכוער אותו האיש".

וואס דערפאר בשעת א איד גייט אין גאס און ער איז א מכוער, איז וואס פאר א שלימות ער זאל נאר ניט האבן - איז דאס היפך פון קידוש שם שמים, ווארום פון אן איש מכוער טרייסל זיך אפ אלע מענטשן.

משא"כ אויב ער איז נאה, א שיינער בגשמיות - איז דאס א קידוש שם שמים, ווארום מענטשן ציען זיך און ווערן נתפעל פון איינער וואס איז נאה.

און דער טעם אויף דערויף איז - דערפאר וואס נאה איז א שלימות, ובמילא איז דאס א שלימות אויך אין קדושה, ווי די גמ' דערציילט אז רבן גמליאל האט געזאגט "ברוך שככה ברא בעולמו" אפילו ווען ער האט געזען א איינה יהודית נאה.

ווארום וויבאלד אז נאה איז א שלימות אין וועלט - באווייזט דאס אויף א עילוי אין קדושה, און דערפאר דארף מען אויף דערויף זאגן "ברא שככה ברא בעולמו".

און דערפאר איז אויך בפשטות אין וועלט - בשעת מ'זעט איינער וואס איז נאה בגשמיות, ציט מען זיך צו אים, און במילא איז גרינגער פועל'ן אויף א מענטשן בשעת מ'איז א שיינער.

וואס דערפאר דארף זיך א איד משתדל זיין צו זיין נאה, אז בשעת ער וועט ארויסגיין אין גאס און דארפן האבן צו טאן מיט א זולת וועט ווערן א קידוש השם דורך אים, און ווי עס שטייט אין ספרי אויפן פסוק "ואהבת את ה' אלקיך", אז עס דארף זיין "מתאהב על ידך", ד.ה. אז א איד דארף פועל'ן אז דורך אים זאל אויך א צווייטער ליב האבן דעם אויבערשטן.

וואס דאס טוט ער אויף דורך דעם וואס בשעת ער איז א שיינער, פועל'ט דאס אויף דעם זולת אז ער זאל אים ליב האבן, און דורך אים ליב האבן דעם אויבערשטן.

**מה.** און אין וואס באשטייט און אין וואס דריקט זיך אויס דער ענין פון נאה - רעכנט אויס דער משנה, רבי שמעון בן יהודה "משום רבי שמעון בן יוחאי", אכט זאכן: "הנוי והכח והעושר והכבוד והחכמה והזקנה והשיבה והבנים", וואס זיי זיינען "נאה לצדיקים ונאה לעולם".

וואס ע"פ האמור לעיל אז דער ענין פון "נאה" איז בכדי פועל'ן אין וועלט אז עס זאל זיין "מתאהב על ידך" - איז פארשטאנדיק דער חידוש פון דער משנה (אין מילתא דחסידותא?):

דער ענין פון רשב"י איז דאך "תורתו אומנתו", און ער האט געזאגט אויף זיך "ראיתי בני עלי' ומועטין הן, אם שניהם הם אני ובני, אם אחד הוא אני הוא שנאמר צדיק יסוד עולם",

וואס "אם אחד הוא אני הוא" קען מען דאך טייטשן אויף צוויי אופנים: א) מ'דארף ניט אנקומען צו מערער ווי "אחד" איז "אם אחד הוא אני הוא", אדער ווי עס ליגט זיך מער אין פשטות הדברים ב) וויבאלד אז מ'דארף אנקומען צו א דרגא עליונה וואס נאר רשב"י קען אויפטאן, דערפאר איז "אם אחד הוא אני הוא",

ד.ה. אז ענינו פון רשב"י איז זיין לגמרי העכער פאר וועלט, איז דאס לכאו' ניט מתאים דערמיט וואס אין דער משנה זאגט מען בשם פון רשב"י ווי אזוי מ'דארף זיין "נאה לצדיקים ונאה לעולם", וואס דאס איז דאך אן ענין פארבונדן דוקא און נאר מיט וועלט, כנ"ל?

נאר דערפון גופא איז פארשטאנדיק דער חידוש פון דער משנה - אז אפילו רשב"י וואס ענינו איז "תורתו אומנתו", ניט האבן צו טאן מיט וועלט, זאגט, אז ווען מ'דארף ארויסגיין און טאן אין וועלט דארף זיין דער ענין פון "נאה" בכדי מ'זאל פועל'ן אין וועלט.

נאה לצדיק ועולם - "מילתא דחסידותא", פרק"א, אבל לאידך פרק"א הכנס אדמוה"ז בסידור "השוה לכל נפש" והיא מסכת שכולה בסידור, שאר מסכת חלקם בסידור



הנחה פרטית בלתי מוגה

אבל לא כולם, ועפ"ז מובן שכן תובעים מכאו"א בהנהגה דמילתא דחסידותא, וזהו בכלל כללי' תומ"צ, שכאו"א מישראל שהוא יהי' בתכלית השלימות גם אם לא מחוייב.

**מו.** דער ביאור אין דעם וואס רבי שמעון מנסיא זאגט אז "אלו שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים", בשעת אין משנה ווערן אויסגערעכנט אכט זאכן:

פון די אלע אכט זאכן וואס זיינען "נאה לצדיקים ונאה לעולם", איז דער לעצטער זאך, "הבנים" אויסגעטיילט פון די אנדערע זיבן.

והביאור בזה: די ערשטע זיבן זאכן זיינען "מדות" אין דעם מענטשן אליין, ד.ה. דאס זיינען מעלות אין דעם מענטשן אליין וואס "נאה לצדיקים ונאה לעולם", משא"כ דער ענין פון בנים איז אן ענין וואס איז חוץ מהאדם.

ס'איז טאקע "ברא כרעא דאבוה", אבער דער בן איז א מציאות אחר פון דעם אב.

וואס דערפאר זאגט רבי שמעון בן מנסיא אז בנוגע צו "מדות" וואס זיינען "נאה לצדיקים ונאה לעולם", וואס דאס זיינען די ענינים אין דעם מענטשן אליין, זיינען דא נאר "שבע מדות", משא"כ בנים איז טאקע "נאה לצדיקים ונאה לעולם", אבער דאס איז ניט פון מדות האדם, נאר א דבר חוץ ממנו.

**מז.** לאידך גיסא איז דער ענין הבנים דער לעצטער זאך וואס דער משנה רעכנט אויס אלס "נאה לצדיקים ונאה לעולם", ווארום אין דעם ענין הבנים דריקט זיך אויס דער תכלית השלימות פון נאה, פון שיינקייט.

והביאור בזה: איינער קען האבן די גרעסטע מעלות, און אלע שלימות, ער האט "הנוי והכח והעושר והכבוד והחכמה והזקנה והשיבה", אבער אויב ער האט ניט קיינע בנים, אדער "בנים אלו התלמידים" - ווערט די שאלה: אויב ער איז אזא גוטער און ער האט די אלע מעלות ושלימות - איז פארוואס ציט ער ניט צו אנדערע צו זיך?

וואס דערפון גופא איז פארשטאנדיק אז ער איז ניט אזוי "נאה" ווי עס ווייזט זיך אויס, ווארום באמת איז יענער מפיץ שנאת ישראל, און מחלוקת וכו', און ער שרייט גאר אז ער איז "תורתו אומנתו"!

איז אויב אזוי אז דו האסט די אלע שלימות - פארוואס ציסט ניט צו אנדערע צו זיך?!

א שיינע זאך איז בטבע אז דאס ציט צו זיך, וע"ד ווי ווען איינער זעט א שיינע ציור, ציט זיך דער מענטש צו דעם אן פרעגן שאלות פארוואס דאס איז שיין און ווי דאס איז שיין, און ערשט דערנאך וואס ער איז צוגעצויגן געווארן, דעמאלט הויבט ער זיך אן נאכפרעגן די פרטים בדבר: ווער איז געווען דער מאלער, און ווען האט ער דאס געמאלט, און ווי האט ער דאס געמאכט אז דאס זאל זיין אין אזא שלימות היופי וכו'.

וואס דערפאר איז דוקא ווען איינער האט בנים, און "בנים אלו התלמידים" באווייזט דאס אז ער איז טאקע באמת נאה, והראי' אז אנדערע ציען זיך צו אים, און זיי זיינען ממשיך בדרכיו.

וכידוע דער סיפור מיט כ"ק אדמו"ר מוהרש"ב און כ"ק מו"ח אדמו"ר: (וואס איז אדער געדרוקט אדער ניט, אדער מ'האלט דאס בא דרוקן, אדער מ'וועט דאס דרוקן):

ווען כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געווען א קליין קינד, איז ער אמאל געשלאפן אין בעט, און זיין פאטער, כ"ק אדמו"ר מוהרש"ב איז געזעצן און געלערנט אין דעם זעלבן חדר, בשעת דער רבי נ"ע האט א קוק געטאן אויף דער צר קלסתר פניו פון

זיין זון וואס איז געווען זייער א שיינער פנים וואס האט געלויכטן - איז בא דעם רבי נ"ע נתעורר געווארן א שטארקן רצון אויף א קוש טאן זיין זון,

דערנאך האט ער מחליט געווען אז אנשטאט געבן אים א קוש וועט ער דאס איבערבייטן מיט שרייבן א מאמר חסידות פאר זיין זון, און דערנאך ווען ער איז געווארן בר מצוה האט ער אים אפגעגעבן דעם מאמר.

דערביי איז אויך געווען ר' יעקב מאטל בעזפאלאוו, וואס ער איז געווען א חסיד א משכיל און אן עובד, און ער האט באמערקט אז דער שיינקייט און ליכטיקייט פון דעם פנים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר באווייזט אויף דער קידוש המחשבה פון אביו ואמו.

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל אז דוקא אין בנים דריקט זיך אויס דער אמיתית ענין פון נאה בא די עלטערן, ווארום דעמאלט זעט מען אז דאס איז אן אמת'ע שיינקייט וואס פועל'ט און ציט צו אויך בנים.

און ווי מ'זאגט אויך "הוי מתלמידיו של אברהם אבינו כו'", וואס אמיתית המעלה פון אברהם אבינו, איז בשעת עס קומט ארויס און מ'זעט זיינע תכונות אויך בא תלמידיו.

**מח.** יעדער ענין איז אויך דא אין הלכה אין נגלה דתורה:

פון פסוק "זה א-לי ואנוהו" לערנט מען אפ, אז עס דארף זיין "התנאה לפניו במצות".

ד.ה. אז מ'איז זיך ניט נאר מתספק מיט האבן א כשר'ע פאר תפילין, כשר'ע דיו און א כשר'ע קלף וכו' - נאר מ'איז זיך משתדל אז דאס זאל אויך זיין נאה, שיין בתכלית השיינקייט, אז אויך א צווייטער וואס קוקט מבחוץ זאל זען די שיינקייט בזה, ועד"ז אין שאר המצוות.

ועד"ז בנדו"ד: עס קען זיין אז מ'זאל האבן אלע מיני מעלות און שלימות, אבער תכלית פון נאה, אמיתית ענין פון שיינקייט, איז דוקא ווען דאס קומט ארויס אויך אין בנים, וואס דעמאלט זעט מען בגלוי דער שיינקייט פון דעם אב, אדער פון דעם "רב הנקרא אב".

**מט.** דער ביאור אין דעם וואס דער משנה זאגט די צוויי ענינים פון "הזקנה" און "השיבה": זקנה און שיבה זיינען צוויי באזונדערע מעלות, וואס זיינען ניט תלוי זה בזה און עס קען זיין אז מ'זאל האבן איינער פון זיי און ניט דער צווייטער.

און די נפק"מ לפועל וועט זיין ביי א גר שנתגייר און עבד שנשתחרר בין ששים שנה לשבעים שנה, וואס דעמאלט האט ער די מעלה פון שיבה וואס קומט לשבעים שנה, און האט ניט די מעלה פון זקנה, וואס קומט לששים שנה, ווארום ער איז דעמאלט ניט געווען א איד אדער ניט מחוייב במצוות.

דער חילוק צווישן זקנה און שיבה: דער ענין פון זקנה איז - "זה שקנה חכמה" און דאס דריקט זיך אויס אין דעם וואס ער באקומט א "הדרת פנים זקן", ווארום דער ענין פון "זה שקנה חכמה" פועל'ט אז זיין פנים זאל לייכטן, ווי די גמ' דערציילט אז בשעת איינער האט געפונען אן הוספתא חדתא, ווי די גמ' דערציילט אז בשעת איינער האט געפונען א תוספתא חדתא, אדער הוספתא עתיקתא, איז "צהבו פניו".

דער ענין פון "שיבה" איז - התיישבות, וואס דערפאר איז "שיבה" אויך אותיות "ישבה".



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס דריקט זיך אויס אין דעם וואס "מפני שיבה תקום", ווארום דוקא בשעת ס'איז דא דער ענין פון התיישבות, זיצן, קען מען זאגן אז עס זאל זיין "מפני שיבה תקום", משא"כ אויב ביי אים איז ניטא התיישבות ("שיבה") איז ניט שייך דער ענין פון "תקום".

**נ.** מהמבואר לעיל בנוגע צו די מעלה פון בנים און "תלמידים הנקראים בנים", אז דוקא זיי דריקן אויס דער שלימות האב, און "הרב הנקרא אב" - איז פארשטאנדיק דער גודל ההשתדלות וואס דארף זיין מיט קינדער, ביז אפילו מיט גאר קליינע קינדער, וואס אויך זיי דריקן אויס דער "נאה" און דער שלימות האב, און אויך זיי זיינען "שומר משמרת הקודש", ווי געזעגט פריער.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך דערפון וואס אלע קינדער, כולל אויך גאר קליינע קינדער, זיינען די "בנינו ערבים אותנו", וואס בזכותם האבן אלע אידן מקבל געווען די תורה, און אויב עס וואלט ניט געווען ח"ו "בנינו ערבים אותנו", וואלטן די אידן ניט באקומען די תורה.

איז דאך פארשטאנדיק דער גודל העילוי וואס איז דא אין די קינדער, און במילא אויף וויפיל מ'דארף זיך אריינלייגן אין זיי מחנך זיין בכל הפרטים.

**נא.** וי"ל אז אין "בנינו ערבים אותנו", זיינען ניט נאר בכלל קינדער כפשוטו, נאר אויך יעדער איד, ווארום יעדער איד ווען ער לערנט תורה איז ווען ער האלט אין דער רגע פאר דעם וואס עס קומט ביי אים צו א נייער ענין אין תורה - איז ער בבחי' קטן און בן, ובמילא ווערט ער אויך נכלל אין דעם "בנינו ערבים אותנו".

און דער ענין איז דא בא יעדער איד וואס לערנט תורה, ווארום כסדר קומען ביי אים צו נייע ענינים אין לימוד התורה, און דער סדר אין לימוד התורה דארף דאך זיין "לא הביישן למד", וואס דער אמת איז טאקע אזוי, אז ער מוז זיך נאכפרעגן און מאנען אז ער זאל פארשטיין דאס וואס ער פארשטייט נאך ניט.

און בשעת ער שטייט נאך אין דער רגע וואס ער איז נאך למד און נאך ניט צוגעקומען צו דער נייער ידיעה איז ער אין די דרגא פון א קטן און א בן.

וואס די רייד קומט בקשר דערמיט וואס אין דעם שבת איז דא א פגישה וכינוס פון א זעלכע אידן וואס זיינען געקומען און ווילן וויסן מערער וועגן אידישקייט און וועגן תורה ומצוותי'.

ווענדעט מען זיך צו זיי (און מסתמא וועט מען זיי דאס איבערגעבן בלשונם באופן המתאים), אז זיי זאלן וויסן אז וויפל זיי וייסן ביז איצטער, און וויפיל זיי וועלן נאך לערנען זייענדיק דא, און וויפיל זיי וועלן שפעטער לערנען - איז לגבי די דרגא און די מצב וואס זיי וועלן שפעטער צוקומען, זיינען זיי אין די דרגא פון א קטן און בן.

און זיי זאלן וויסן אז דאס איז ניט נאר בנוגע צו זיי, נאר בנוגע צו יעדער איד וואס לערנט תורה, און אפילו בנוגע צו איינער וואס רעדט זיך איין אז ער האט געלערנט כל התורה כולה, און אפילו בנוגע צו איינער וואס האט טאקע געלערנט כל התורה, וואס ס'איז דאך "לא אלמן ישראל", זיינען דאך זיכער דא צוויי אדער איינער אזא -

איז אבער וויבאלד אז תורה איז אין סוף, איז דאך דער צ"צ מבאר אין ספר החקירה אז לגבי אין סוף איז ניט נאר ניטא קיין חילוק צווישן דער מספר אחד מיט אלפי אלפים, נאר ס'איז באין ערוך לגמרי.

וואס דערפאר דארפן זיי ניט זיין אראפגעפאלען בא זיך אויב זיי זעען אז זיי וויסן ניט אזויפיל, און אז ס'איז דא נאך גאר א סאך צו לערנען, און ס'איז דא

אנדערע וואס ווייסן מערער פאר זיי - ווארום תורה איז אין סוף, און וויפל זיי וועלן נאר וויסן וועט אלעמאל זיין מערער צו לערנען, און אפילו די וואס ווייסן מערער פאר זיי, זיינען אויך באין ערוך פון שלימות אין ידיעת התורה,

ביז אז אויך איינער וואס ווייסט כל התורה כולה דארף ביי אים זיין דער לימוד התורה אין אן אופן פון "יגדיל תורה ויאדיר", "דרוש וקבל שכר", ד.ה. אז אפילו ביי אים קען און דארף צוקומען אין ידיעת התורה, ביז סיי אין כמות און סיי אין איכות, וואס דאס איז בפשטות דער ענין פון "יגדיל" און "ויאדיר" [אולב איינער האט א בעסערער פשט אין דעם - תבוא עליו ברכה].

נב. נוסף לזה דארפן זיי אויך וויסן, אז בשעת זיי לערנען תורה און זיינען מקיים אירע מצוות און פירן זיך ווי אידן דארפן זיך פירן - איז ניט נאר אז עס קומט אין זיי צו א שלימות אין ידיעה וכו' - נאר אז דורך דערויף קומט צו א שלימות זיי טוען זיך אליין א טובה - נאר אז דורך דערויף קומט צו א שלימות זיי טוען זיך אליין א טובה - נאר אז דורך דערויף טוען זיי א טובה צו אלע אידן, ביז אז זיי טוען אויף א שלימות אין אלע אידן.

ווארום מצד די דרגא וואס זיי האבן נאך ניט קיין ידיעה אין תורה און אין אידישקייט זיינען זיי "בנינו עורבים אותנו", און דוקא דורך דערויף קענען אלע אידן מקבל זיין די תורה, און אויב עס פעלט ח"ו אין דעם "בנינו עורבים אותנו", פעלט די גאנצע תורה ביי אלע אידן.

וואס דערפאר איז אפילו אויב עס דוכט זיך אים אויס אז ס'איז א שווערע זאך און ס'איז אוממעגלעך וכו' צו זיין א פרומער איד - דארף מען אים זאגן אז דאס איז ניט נאר נוגע זיין טובה אליין, נאר דאס איז נוגע צו דער טובה פון אלע אידן וואס געפינען זיך ארום אים און אלע אידן אין דער וועלט.

וואס דאס וועט זיכער אים מערער מעורר זיין און מעודד זיין אז ער וועט דאס גרינגער קענען מקבל זיין אויף זיך.

און אויב ער איז נאר מחליט כדבעי אז ער וויל דאס, איז דעמאלט ווערט כהסיפור הידוע, אז אפילו אויב מ'האט ניט די כחות אויף א געוויסע זאך, עפנט מען אויף נייע מעינות חכמה ודעת, אז ער זאל דאס קענען דורכפירן בפועל.

נג. ויה"ר מ'זאל זיך גרייטן צו קבלת התורה, ובפרט פון דעם שבת וואס איז "מיני' מתברכין כולהו יומין", כולל חג השבועות.

דורך דערויף וואס מ'וועט זיך משתדל זיין טאן מיט קינדער, אינגעלאך און מיידעלאך,

אנהויבנדיק דערפון וואס מ'וועט צוזאמענקלייבן די קינדער אין די טעג בהכנה צו חג השבועות, און מ'וועט מיט זיי רעדן וועגן חג השבועות, זמן מתן תורתנו, און אז זיי זיינען "בנינו עורבים אותנו".

וכל המרבה - וואס מערער קינדער וואס מ'וועט צוזאמענקלייבן סיי בכמות, א סאך קינדער, סיי באיכות - בזריזות - הרי זה משובח. און איינער זאל רעדן מיט די קינדער, אדער צוויי וועלן רעדן, אדער דריי וועלן רעדן, אדער אלע וועלן רעדן - אבי דער עיקר ווערט אפגעטאן אז מ'זאל זיי מכין זיין פאר זמן מתן תורתנו.

ד. און אלע צוזאמען זאלן זיך גרייטן צו זמן מתן תורתנו און צו קבלת התורה - דורך דערויף וואס מ'לייגט זיך ארייין פשוט אין לימוד התורה בהתמדה ובשקידה, און אין קיום המצוות בהידור, און אין "בכל דרכיך דעהו", און "כל מעשיך יהיו לשם שמים".



הנחה פרטית בלתי מוגה

און גרייטן זיך צו קבלת התורה בשמחה ובפנימיות, ועאכו"כ צו קבלת פני משיח צדקנו בשמחה ובפנימיות, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

צוה לנגן שמח"ת ניגון.

צוה לאלו שמתעסקים עם הפגישה (פ.ח., ק. ד.ר.) שיאמרו לחיים. נתן המזונות והיין (לפרופ' ח.) עבור הפגישה.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה ווען זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

בס"ד.

שיחה להתלמידים והתלמידות שיחיו
— בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה —
יום א' פ' נשא, ג' סיון ה'תש"מ.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל][1].

ב. מיר האבן זיך דאך אלע צוזאמענגעקליבן ספעציעל אין דעם טאג,

[און אין א מקום קדוש אן ארט וואו אידן דאוונען צו דעם אויבערשטן און לערנען דעם אויבערשטן'ס תורה]

מצד דערויף וואס דאס איז "בחודש השלישי"[2] (דער דריטער חודש אין דער ציילונג פון חדשים וואס הויבט זיך אן פון ניסן[3]), דער חודש ווען דער אויבערשטער האט געגעבן תורה צו אידן צום ערשטן מאל ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים,

און דערנאך איז יעדער יאר ווען עס קומט דער חודש חזר'ט מען איבער נאכאמאל און מ'לייענט אין דער תורה וואס עס האט דעמולט געטראפן און פארגעקומען, כדי מ'זאל דאס גוט פארדענקען און אדיינטראכטן זיך אין דעם און איבערלעבן דאס נאכאמאל פון-דאס-ניי,

אז אזוי ווי דעמולט איז די התחלה געווען אין דעם ערשטן טאג פון דעם דריטן חודש, ר"ח סיון, וואס אין יענעם טאג זיינען אידן אנגעקומען און האבן געוועהט נגד ההר, באם בארג סיני[4],

און אין דעם טאג האבן זיך אנגעהויבן די הכנות צו מתן תורה, וואס אין עטליכע טעג ארום האט דער אויבערשטער געגעבן אידן די תורה פון דעם בארג (וואו זיי זיינען אנגעקומען ר"ח),

עד"ז איז אויך יעדער יאר, אז בכדי צו מקבל זיין די תורה בחג השבועות זמן מתן תורתנו [וואס יעדער יאר גיט דער אויבערשטער די תורה פון-דאס-ניי], פאדערט זיך אז פון ר"ח סיון אן זאל מען זיך צוגרייטן צו קבלת התורה — מעין פון די זעלבע הכנות וועלכע זיינען געווען צו קבלת התורה בפעם הראשונה[5].

ג. אין די הכנה-טעג צו קבלת התורה וואס פאנגען זיך אן פון ר"ח — איז דא א מעלה מיוחדת אין היינטיקן-טאג, ג' סיון, וואס עד איז דער ערשטער טאג פון די "ימי הגבלה"[6]:

— נאך —

------------

1) נדפסו בחוברת "י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, ה'תשל"ו). 2) יתרו יט, א. 3) בא יב, ב. 4) יתרו שם, ב. שבת פו. ב. 5) ראה לקו"ש חי"ג ע' 135 ואילך. 6) שבת פז, רע"א. שו"ע אדה"ז או"ח סו"ס תצד.

נאך דעם ווי אין צווייטן טאג פון חודש (צו מארגנס פון ר"ח) האבן אידן געזאגט "נעשה", אז זיי נעמען אויף זיך צו טאן וואס דער אויבערשטער וועט הייסן - איז גלייך אויף מארגן, אין דעם דריטן טאג פון חודש און אין דעם טאג נאך דערויף, האט דער אויבערשטער געזאגט צו משה רבינו און משה רבינו האט איבערגעגעבן די אידן וואס זיי דארפן טאן[8],

סיי בנוגע צו אפהיטן זיך פון זאכן וואס מען דארף זיי נים טאן - "השמרו לכם עלות בהר ונגוע בקצהו גו׳ לא תגע בו גו׳"[9] (וואס מ׳האט אנגעזאגט אין דעם דריטן טאג פון חודש), צו אפהיטן זיך פון אנרירן זיך אין בארג,

און בנוגע צו דעם וואס זיי דארפן יע טאן, "וכבסו שמלותם"[10] - (וואס מ׳האט אנגעזאגט אין דעם פערטן טאג פון חודש) - צו גרייטן זייערע קליידער, און א ודאי זיך אליין (דאס וואס איז אנגעטאן אין די קליידער), צו קבלת התורה.

ד. פון דעם איז פארשטאנדיק, אז עד"ז איז אויך בכל שנה ושנה, אז בשעת עס קומט דער טאג פון שלישי בסיון, דארף מען אנהויבן טאן (די הכנות צו קבלת התורה) אין א פועל ממש.

ד.ה. אז נאך די כללות׳דיקע הכנה וואס מען האט זיכער געגרייט זיך נעכטן, שני בסיון (און נאך פאר דעם - ר"ח סיון), אז מען האט אנגענומען אויף זיך צו טאן אלץ וואס דער אויבערשטער הייסט, "נעשה" - און דער אנגענומען אויף זיך (נעכטן) איז זיכער געווען אין אזא אופן אז דאס זאל ווירקן אין די קומענדיקע טעג,

איז בשעת עס קומט דער טאג פון שלישי בסיון, דארף מען אנהויבן מקיים זיין (די הבטחה "נעשה") אין פועל ממש, און אין פרטים, סיי בנוגע צו די זאכן וואס מען דארף זיי טאן, סיי בנוגע צו די זאכן פון וועלכע מען דארף זיך אפשיידן.

ה. און די צוויי זאכן - עשה און לא תעשה - זיינען דא בא יעדערן, אויך בא קינדער, אין טאג טעגליכן לעבן, גלייך ווי עס הויבט זיך אן דער טאג:

די "עשה" וואס עס דארף זיין בא יעדער אידן, אויך זייענדיק גאר קליין, גלייך אין אנהויב טאג, איז - אז גלייך ווי ער כאפט זיך אויף פון שלאף, זאל ער זאגן מודה אני לפניך כו׳",

- און -

---

7) יתרו שם, ח. וראה רש"י שם. 8) שבת שם (וראה רש"י שם ד"ה בתלתא). שו"ע אדה"ז שם. 9) יתרו שם, יב-יג. 10) שם, י. 11) שו"ע אדה"ז או"ח ס"א ס"ה (ובמהדו"ב שם ס"ו). סידור אדה"ז בתחלתו.

און די "לא תעשה" איין אנהויבס טאג, איז - זיין אפגעהיט פון טאן עפעס, און אפילו ניט אנרירן זיך אין קיין זאך, איידער ער גיסט אפ נעגל-וואסער[12].

*  *  *

ו. נאך אן אפלערנונג פון מתן תורה, וואס איז נוגע ספעציעל צו קינדער:

די תורה דערציילט אונז[13], אז בשעת אידן זיינען געקומען צו דעם אויבערשטן מקבל זיין די תורה

[וואס דערצו האבן זיי געביינקט גלייך ארויסגייענדיק פון מצרים, און געציילט די טעג, יעדער טאג אלס א באזונדער טאג - ווען וועט שוין קומען דער טאג וואס דער אויבערשטער וועט זיי געבן די תורה און זיי וועלן איר מקיים זיין[14]],

האט דער אויבערשטער זיי געזאגט אז איידער ער גיט זיי די תורה - וויל ער האבן די וואס זיי וועלן גאראנטירן (וואס וועלן זיין "ערבים") אז די תורה וועט דערנאך אנגעהאלטן ווערן און מ'וועט איר מקיים זיין.

האבן די אידן פארגעלייגט פארשידענע ערבים, און דער אויבערשטער האט זיי ניט אנגענומען. דערנאך האבן די אידן געזאגט "בנינו עורבים אותנו" - איז די ערבות האט דער אויבערשטער אנגענומען, און האט געגעבן די תורה (אויף אייביק, און יעדער יאר, אין זמן מתן תורתנו, באנייט ער דאס מיט נאך מער לעבעדיקייט און ליכטיקייט).

ז. און די אויבנדערמאנטע פאסירונג [אז די ערבות פון די קינדער איז געווען די איינציקע גאראנטיע וואס דער אויבערשטער האט אנגענומען, און צוליב דעם געגעבן די תורה] חזר'ט זיך איבער יעדער יאר אין די טעג וואס פאר זמן מתן תורתנו.

אז דורך דערויף וואס אידישע קינדער, פון גאר קליין-ווייז אויף, פירן זיך ווי תורה פארלאנגט - אז זיי לערנען תורה און זיינען מקיים אירע מצוות, סיי מצוות עשה סיי מצוות לא תעשה.

איז אין זייער זכות, גיט דער אויבערשטער אפ די תורה - וואס זי איז די טייערסטע זאך וואס ער האט, "חמודה גנוזה"[15] - צו אלע אידן, סיי צו דערוואקסענע סיי צו קינדער, און אין

- אן -

---

12) שו"ע אדה"ז שם ס"ז. מהדו"ב שם ס"ז. 13) שהש"ר פ"א, ד. 14) ר"ן סוף מס' פסחים. 15) שבת פח, ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

אן אופן פון "מורשה"[16] (ווי מען האט געזאגט אין די י"ג פסוקים ובמאמרי חז"ל). אז מען ירש'נט איר אויף אייביק. אויף אלע דורות.

און דעריבער דארף וויסן יעדער אידיש-קינד, סיי א אינגעלע סיי א מיידעלע [אנהויבנדיק פון די קינדער וואס געפינען זיך דא, און אויך די קינדער וואס געפינען זיך אין אנדערע ערטער], אז ער האט דעם זכות, אז צוליב אים (צוליב זיין גוטע אויפפירונג) וועט דער אויבערשטער געבן תורה צו אלע אידן,

און אויך די גרעסטע אחריות און פאראנטווארטליכקייט צו אויפפירן זיך ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אין תורה, וויבאלד אז אין זיין אויפפירונג איז אפהייננגיק דער מתן תורה פון גאנצן אידישן פאלק.

ח. און בשעת א קינד טראכט זיך ארייין אין דעם - ווי דער אויבערשטער טרויט אים אן די תורה און פארלאזט זיך אויף אים אז ער וועט איר היטן, און אז צוליב דעם גיט דער אויבערשטער די תורה צו אלע אידן - פארשאפט עס אים די גרעסטע שמחה און דעם גרעסטן פארגעניגן,

און דאס גיט אים אויך דעם כח און שטארקייט, אויף ניט נתפעל ווערן פון דעם וואס "אתם המעט מכל העמים"[17], אז אידן זיינען קליין (אין צאל) לגבי אנדערע פעלקער, און אויך ער איז קליין אין צאל לגבי די ניט אידישע קינדער וואס לעבן אין די זעלבע שטאט,

און ניט נאר וואס ער ווערט ניט באאיינדרוקט פון דעם, נאר אדרבה, ער איז צופרידן און האט דעם גרעסטן פארגעניגן און די גרעסטע שמחה פון דעם וואס דער אויבערשטער האט אים אויסגעקליבן פון אלע פעלקער, און האט אויסגעקליבן אידישע קינדער פון דעם אידישן פאלק גופא -

און דאס פועל'ט אז זיין אויפפירונג אין טאג-טעגליכן לעבן זאל זיין ווי דער אויבערשטער וויל, און די גוטע אויפפירונג פון דעם קינד, ברענגט אראפ די תורה, מיט די אלע ברכות וואס זיינען פארבונדן מיט דער תורה,

אין אלע זאכן וואס א מענטש נויטיקט זיך, און וואס א איד נויטיקט זיך ספעציעל כדי צו לעבן ווי א איד דארף לעבן

פאר יעדער אידן און פאר אלע אידן, אויף א גאנץ יאר.

* * *

- ס. -

------------

16) ל' הכתוב - ברכה לג, ד. 17) ואתחנן ז, ז.

ס. וויסנדיק דאס וואס תורת אמת דערציילט אייך, אז איר זיינט די ערבים (די גאראנטארס) וואס צוליב אייך האט דער אויבערשטער געגעבן תורה צו אלע אידן און צו יעדער אידן, צום ערשטן מאל (ווען מען איז ארויס פון מצרים),

און אויך איצטער, זייט איר די ערבים וואס צוליב אייך וועט דער אויבערשטער געבן די תורה צו אלע אידן בחג השבועות זמן מתן תורתנו -

איז דאך רעכט, און זיכער וועט איר אזוי טאן, אז יעדערער פון אייך זאל קומען צו זיין פאטער און מוטער, צו זיין זיידן און באבען, און זאגן זיי:

אזוי ווי תורת אמת דערציילט אז אין אונזער זכות וועט זיין מתן תורה, ובמילא זיינען מיר דאך פון די הויפט-מחותנים, פון די הויפט-געסט, צו אויפנעמען דעם חג השבועות זמן מתן תורתנו - לאדען מיר אייך (די פאטערס און מוטערס, די זיידעס און באבעס) צו אונזער יום-טוב.

וואס ער איז דער יו"ט פון אלע אידן, אבער בעיקר איז עס אונזער יום-טוב,

אז איר זאלט מיטגיין מיט אונז צו הערן (אלע צוזאמען) נאכאמאל די עשרת הדברות, וואס דערמיט האט זיך אנגעהויבן מתן תורה.

יו"ד. און דערביי וועט איר זיי אויך צוזאגן, אז זיכער דארפן זיי ניט איבערטראכטן אז איר וועט שטערן צו דעם אריינטראכטן זיך און צוהערן זיך צו דער קריאת התורה,

ווארום וויסנדיק אז דאס לייענט מען די עשה"ד, וואס דער אויבערשטער האט זיי געזאגט (און אפגעגעבן) צו אידן אין אייער זכות,

איז אדרבה, איר וועט אנפירן דערמיט אז אין שול זאל זיין בדרך כבוד, און אז מ'זאל זיך צוהערן צו יעדער ווארט פון די עשרת הדברות באימה וביראה וברתת ובזיע[18], מיט דער אמת'ער יראה פון דעם אויבערשטן און זיין תורה,

און צוהערן זיך (צו די עשרת הדברות) ווי דער אויבערשטער וויל, אז די קריאת התורה וואס מען הערט שבועות זאל ווערן איינגעקריצט אין הארצן, און דורך דעם - אויך אין קאפ

פון יעדער איינעם פון אייך (די קינדער), און דורך

- אייך -

------------

18) ראה ברכות כב, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

אייך - מיט נאך מער שטארקייט - גויך אייערע פאטערס און מוטערס, זיידעס און באבעס,

ביז אז בא יעדער איינעם ווערט דאס (די עשרה הדברות, כללות כל התורה) א טייל פון זיין לעבן במשך כל השנה כולה, אז דער גאנצער יאר ווערט זיין א תורה יאר און א מצוות יאר,

און אויך אין דעם (אין דעם לימוד התורה וקיום המצוות במשך כל השנה) וועט איר זיין די ערשטע - "הם הכירוהו תחלה"[19], און דורך דעם וועט איר זיין א לעבעדיקער ביישפיל אויך פאר אייערע עלטערן - צו לערנען תורה בשמחה ובפנימיות, און מקיים זיין מצוות בשמחה.

אנהויבנדיק פון די מצוה "ואהבת לרעך כמוך"[20], וואס זי איז א "כלל גדול בתורה"[21] (ווי געזאגט פריער אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל), דורך איינווירקן אלע חברים (און מיידעלעך - זייערע חבר'טעס), אז אויך זיי זאלן זיך פירן אין דעם גייסט - לערנען תורה בשמחה ובפנימיות, און מקיים זיין מצוות בשמחה[22].

יא. און דורך דעם וואס איר וועט זיך פירן ווי דער אויבערשטער וויל, און מקיים זיין אויך דעם "והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים"[23], צו פארשטארקן די אידישקייט ביי אייערע עלטערן און ביי אייערע זיידעס און באבעס - ביז אז זייער גאנצע הויז וועט זיין אזא וואס דער אויבערשטער זאגט אויף איר "ושכנתי בתוכם"[24],

און באופן גלוי, אז יעדערער וואס וועט אריינגיין אין הויז וועט גלייך דערקענען אז דאס איז א אידישע הויז אין וועלכע דער אויבערשטער רוהט -

וועט דאס נאכמער צוהיילן, אז פון דעם "והשיב לב אבות על בנים" בקרוב ממש וועט מען הערן די בשורה טובה פון אלי' הנביא אז עס קומט אן משיח צדקנו

און מ'וועט גלייך זעהן און מקבל פנים זיין משיח'ן,

און גייך צוזאמען מיט אים אין דער גאולה האמיתית והשלימה, אין דער אמת'ער און פולער גאולה,

אין ארצנו הקדושה, אין אונזער הייליקע לאנד - "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[25],

- אזא -

---

19) ל' חז"ל - סוטה יא, ב. 20) קדושים יט, יח. 21) תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ. 22) ראה רמב"ם סוף הל' לולב. 23) מלאכי ג, כד ובפרש"י. 24) תרומה כה, ח. וראה של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב. ובכ"מ. 25) עקב יא, יב.

אזא לאנד וואס דער אויבערשטער גיט אויף איר אכטונג, מיט א ספעציעלער השגחה[26], יעדער טאג פון דעם גאנצן יאר,

וואס דעריבער איז זיכער, אז דער אויבערשטער - וואס "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[27] - וועט ניט דערלאזן אז מ׳זאל עפעס אנרירן אין "שלימות הארץ", אין דער גאנצקייט פון דער הייליקער לאנד,

ווארום ס׳איז דא "שלימות העם", די גאנצקייט פון אידישן פאלק - די אבות מיט די בנים, דורך דעם וואס "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם",

צוזאמען מיט "שלימות התורה", אז אלע אידן (אלע קינדער און אלע ערוואקסענע) שטייען אלע צוזאמען "נגד ההר"[28], אויף מקבל זיין די תורה און מקיים זיין די תורה אין איר גאנצקייט, ווי עס דארף צו זיין,

און דאס היילט צו נאך מער די שלימות פון דער גאולה (ווי געזאגט פריער),

אז עס קומט גלייך די גאולה האמיתית והשלימה, אין דער פולסטער מאס, דורך משיח צדקנו.

* * *

יב. וויבאלד אז עס דארף זיין "שלימות העם" - די קינדערלעך מיט די עלטערן און מיט די אור-עלטערן, אלע צוזאמען,

צוזאמען מיט דעם אויבערשטן׳ס תורה, וואס דאס ברענגט זיי נאכמער צוזאמען מיטן אויבערשטן אליין -

איז דאך זיכער אז מ׳דארף מצרף זיין אויך די קינדער וואס געפינען זיך אונטער דעם אייזערנעם פארהאנג, אז יעדערער פון אייך זאל זיך פאראייניקן אויך מיט זיי.

און דעריבער וועט מען איבערגעבן עכ"פ איין עניין - א הויפט נקודה - פון דאס וואס איז געזאגט געווארן פריער, אין דער שפראך וואס עס פארשטייען די קינדער וואס געפינען זיך דארט,

און וויבאלד אז דאס וועט געזאגט אין אייער אנוועזנהייט און אין אייער שליחות - אונטערשטרייכט דאס נאכמערער די איינציקייט פון אלע אידן, אז יעדער איד, וואו ער געפינט זיך, געהערט ער צום "עם אחד"[29], צום איין און איינציקן און פאראייניקטן פאלק.

- און -

---

26) ראה בחיי עה"פ. 27) תהלים קכא, ד. 28) יתרו יט, ב. 29) אסתר ג, ח.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

און הגם אז דערוויילע (זייענדיק אין גלות) איז מען "מפוזר ומפורד בין העמים"[29] - איז דאס מערניס ווי בגשמיות און בחיצוניות, אבער באמת ובפנימיות איז מען (אויך איצטער) אן "עם אחד", אן איין און איינציקער און פאראייניקטער פאלק.

ביז אפילו ניט-אידן, און אפילו די וואס האבן ניט ליב אידן, אנערקענען דאס, און זיי זיינען מכריז און מודיע, אז זיי ווייסן און אנערקענען אז וואו א איד זאל זיך נאר געפינען געהערט ער צו דעם "עם אחד".

יג. וועט מען זאגן עטליכע ווערטער אויך אין רוסיש, אין דער שליחות פון די אידישע קינדער וואס זיינען דא, און פון זייערע עלטערן.

און זיכער וועט דאס דערגרייכן אהינצו, און דערגרייכן ווי תורה וויל - אז דאס וועט איינווירקן אויף דער אויפפירונג דארטן,

און ספעציעל - ווי דערמאנט בא די פריערדיקע התוועדות'ן - אז דאס איז גאראנטירט לויט די געזעצן פון יענער לאנד.

*                    *                    *

יד*. די ווענדונג צו יעדן אידישן קינד, אינגעלע אדער מיידעלע, וועלכע געפינען זיך מאחורי מסך הברזל, אין רוסלאנד אדער אין ענליכע מדינות, איז -

אז יעדערער פון זיי דארף וויסן, אז ער געהערט צו דעם אידישן פאלק, וועלכער פאראייניקט אלע מיטגלידער פון דעם פאלק, ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס זיי זיינען "מפוזר ומפורד בין העמים", פאנאנדערגעשפרייט און פאנאנדערגעווארפן צווישן אלע פעלקער, אין פארשידענע מדינות.

און דאס איז אנערקענט אין יעדן דור און אין יעדער ארט און אין יעדער לאנד - אז א איד, וואו ער זאל זיך נאר געפינען, געהערט ער צו דעם אידישן פאלק, וועלכער איז געווארן א פאלק בשעת קבלת התורה באם בארג סיני עטליכע טויזנט יאר צוריק,

און פון דעמולט אן איז ער אן אייביקער פאלק.

ועד"ז איז אויך אייביק דער ברית וואס דער אויבערשטער דער בעה"ב פון דער וועלט, האט דעמולט געמאכט מיט יעדן אידן, אז יעדער איד איז פאראייניקט מיט דער אידישער תורה און מיט דעם אויבערשטן.

- און -

---

*) מכאן ועד סו"ס יח הוא תרגום מרוסית.

און וויבאלד אז דער ברית (די פאראייניקונג פון אידן מיט דער תורה מיט דעם אויבערשטן) איז אן קיין הפסק לדורי דורות - קען דאס קיינער ניט צושטערן.

איז במילא וואו א איד זאל זיך נאר געפינען, און אין וועלכן עלטער ער זאל נאר זיין - איז ער פאראייניקט מיט תורה און מיט דעם אויבערשטן, פון דעם ערשטן רגע ווי ער ווערט געבארן, ביז צו דער לעצטער רגע פון זיין לעבן.

טו. וואס דערפאר איז גאראנטירט אין די חוקים און קאנסטיטוציע פון יעדער לאנד, פון רוסלאנד און אירע סאטעליטן, פון אמעריקע און אירע סאטעליטן, ועד"ז פון אלע לענדער אין דער וועלט וואו עס איז דא גערעכטיקייט -

אז יעדער אידישער אינגעלע אדער מיידעלע ווען ער (זי) כאפט זיך אויף פון שלאף, קען ער (זי) אנהויבן זיין טאג מיט זאגן: "מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי בחמלה רבה אמונתך":

דער אידישער קינד, גלייך אויפכאפנדיק זיך פון שלאף, נאך איידער ער זעט זיין מוטער אדער זיין פאטער, נאך איידער ער הויבט זיך אן פארנעמען מיט זיינע ענינים - איז דער ערשטער מיט וועמען ער טרעפט זיך, און וועמען ער באגריסט, און וועמען ער דאנקט - איז דאס "מלך חי וקיים", דעם אויבערשטן וועלכער איז אן אייביקער און וועלכער פירט אן מיט דער גאנצער וועלט.

און דער קינד ווייסט, גלייך אויפכאפנדיק זיך פון שלאף, "שהחזרת בי נשמתי" - אז דער אויבערשטער האט אים אומגעקערט זיין נשמה אין זיין גוף,

"רבה אמונתך": ער (דער קינד) ווערט דורכגעדרונגען מיט אמונה, פולער אמונה, אמת'ער אמונה און גרויסע אמונה, אין דעם אויבערשטן,

און דאס ווירקט דערנאך אויף אים במשך פון דעם גאנצן טאג.

און גלייך נאך דעם וואס ער זאגט "מודה אני", גיסט ער אפ נעגל-וואסער, און גלייך דערנאך איז ער ממשיך צו לויבן דעם אויבערשטן (אמירת ברכות וכו') פאר אלעס גוטס וואס ער האט אין לעבן, ווארום ער ווייסט אז די אלע גוטע זאכן באקומט ער פון דעם אויבערשטן, דורך זיינע עלטערן וואס זיינען שלוחים פון דעם אויבערשטן.

טז. וכאמור, די חוקים און קאנסטיטוציע פון יעדער לאנד

- (אן) -

(אן אויסנאם), גאראנטירן און זאגן צו, אז יעדער אידישער אינגעלע אדער מיידעלע, וואו זיי זאלן זיך נאר געפינען, האבן די פולע רעכט צו אנהויבן זייער טאג טעגליכן וואכעדיקן לעבן מיט מכריז זיין, פאר אלעס און פאר אלעמען, זיין פולע אמונה אין דעם אויבערשטן, וועלכער האט אים עדשט אומגעקערט זיין נשמה אין זיין גוף.

און גלייך נאך דעם, איז ער מקיים די מצוה פון דעם אויבערשטן - אפגיסן די הענט מיט נעגל-וואסער,

וואס דאס גיט א נוסף'דיקע ריינקייט, אז ער זאל קענען דערנאך דורכפירן אז זיין גאנצער טאג זאל זיין א "ריינער" טאג, דורכגעדרונגען מיט אידישקייט.

יז. נוסף להאמור לעיל ווי יעדער אידישער קינד, אינגעלע אדער מיידעלע, דארף זיך אויפפירן - דארפן זיי אויך ווירקן אויף זייערע עלטערן, און אויף זייערע אור-עלטערן - אז אין דער גאנצער הויז זאל זיין קענטיק אז דאס איז א אידישע הויז,

און יעדער איינער פון די עלטערן זאלן אנהויבן זיין טאג מיט מכריז זיין: "מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי בחמלה רבה אמונתך".

וואס דורך דערויף וואס יעדער איינער אין דער הויז זאגט דעם "מודה אני", ווערט אויפגעטאן אז אויך אין דער הויז זאל זיין "החזרת בי נשמתי" - אז די הויז איז א הויז וואס פילט זיך אן מיט נשמה און מיט לעבן, דערפאר וואס זי איז פארבונדן מיט אן אמת'ער אמונה אין דעם אויבערשטן וועלכער האט אומגעקערט די נשמה און באלעבט די הויז און די אלע וועלכע געפינען זיך אין דער הויז.

יח. און דער קיום פון דאס אויבנגעזאגטע וועט נאכמער מוסיף זיין אין די הכנות צו חג השבועות, דער טאג פון קבלת התורה, וועלכן מיר וועלן פייערן דעם יאר מיט באנייטע שמחה און מיט נייע כחות און חיות, ווארום דאס איז קבלת התורה פון-דאס-ניי (אויך אין דעם יאר).

און וויבאלד אז מיר זיינען מקבל די תורה פון-דאס-ניי - קומט עס אויך אראפ אז מ'איז מקיים אלע אירע מצות אויך אין א באנייטן אופן.

און דאס וועט נאכמער פארשנעלערן, אז בקרוב ממש, גאר אינגיכן, וועלן מיר אלע זוכה זיין צו איינטיילנעמען אין דער גאולה האמיתית והשלימה, דער אמת'ער און פולער

- באפרייאונג -



הנחה הה' בלתי מוגה

באפרייאונג פון דעם איצטיקן גלות.

און דעמולט וועלן מיר אלע צוזאמען, צוזאמען מיט אלע קינדער פון דעם אידישן פאלק, וואו זיי זאלן זיך נאר געפינען פאנאנדערגעשפרייט צווישן אלע פעלקער - אומקערן זיך צו אונזער הייליקע לאנד,

און דארטן לערנען די תורה און מקיים זיין אירע מצוות, אין גוטן געזונט, מיט שמחה און ענטוזיאזם, במהרה בימינו ממש, גאר אינגיכן, אמן.

יט. פארענדיקן מיט נאך אן ענין (א נקודה מיוחדה) וואס נעמט ארום דאס אלעם געזאגטן:

כאטש אפילו מ׳איז "מפוזר ומפורד בין העמים", יעדערער פון אונז איז פאנאנדערגעשפרייט צווישן פארשידענע פעלקער,

ביז אז דאס ברענגט אויך די פארשידענע אויפפירונגען, אז מ׳טוט זיך אן אנדערש, מ׳עסט אנדערע מאכלים, און מ׳רעדט (און מ׳פארשטייט) פארשידענע לשונות -

איז דאס נאר אין חיצוניות הדברים - אויסערליך, אבער בנוגע צו די זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט דער נשמה, וואס זי איז פארבונדן מיט תורה - איז דאס דער זעלביקער "עם אחד", דער איין און איינציקער פאלק אין דער גאנצער וועלט, וואס האט באקומען און באקומט די זעלבע תורה, "תורה אחת".

און כאטש אז עס זיינען דא אזוינע וואס לערנען די תורה אין לשון-קודש, און דא אזוינע וואס לערנען איר אין אידיש, און אזוינע וואס לערנען איר אין ענגליש, אין רוסיש, אדער אין אנדערע שפראכן - איז דאס אלץ דער זעלבער אינהאלט און די זעלבע תורה, און מ׳איז מקיים די זעלבע מצוות,

און די זעלבע זאך איז בנוגע צו לבושים און מאכלים, אז טראץ דעם וואס מען טראגט פארשידענע לבושים און מען עסט פארשידענע מאכלים - זיינען אלע פאראייניקט אין דעם, אז זיי טראגן אזוינע לבושים אין וועלכע ס׳איז ניטא קיין שעטנז, און עסן מערניט ווי כשר׳ע מאכלים.

כ. און די פאראייניקונג פון אלע אידן און פון אלע אידישע קינדער - הויבט זיך אן גלייך אין אנהויבס טאג, טאג טעגליך, אז יעדער איינער פון זיי זאגט מודה אני לפניך כו׳,

אז גלייך ווי ער כאפט זיך אויף פון שלאף, נאך איידער

- עפעס -

עפעס-וואס, נאך איידער ער זאגט א ווארט צו זיין פאטער אדער צו זיין מוטער - איז די ערשטע ווערטער וואס ער זאגט איז צום אויבערשטן,

און ער זאגט צום אויבערשטן "לפניך": ער גלויבט אז דער אויבערשטער שטייט לעבן אים, און ער קען מיט אים רעדן ווי מיט אימעצן וואס שטייט גלייך בא זיין זייט - "לפניך",

און ער איז מסיים "רבה אמונתך", אז ער נעמט אויף זיך דעם גלויבן אין דעם אויבערשטן ("אמונתך") אויפן גאנצן טאג[30], און אין אלע זאכן וואס ער וועט טאן במשך דעם גאנצן טאג,

און דאס וועט נאכמער צוהיילן, אז דער אויבערשטער - וואס איז "נאמן לשלם שכר"[31], צו מקיים זיין אלע זיינע הבטחות - וועט זיכער מקיים זיין, במהרה בימינו ממש, גאר איינגיכן, זיין הבטחה "וגאלתי אתכם"[32], בגאולה האמיתית והשלימה, דורך משיח צדקנו,

אמן כן יהי רצון, און - ווי געזאגט פריער - במהרה בימינו ממש,

און גרייטן זיך צו קבלת התורה בשמחה ובפנימיות.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ופרצת.

— * —

---

30) ראה קונטרס ענינה של תורת החסידות סוס"ט.
31) פרש"י עה"פ בהר כו, ב. ועוד. 32) וארא ו, ו.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. מ'געפינט זיך דאך ערב שבועות - חמשה ימים בסיון, וואס דעמאלט איז געווען ווי ס'ווערט דערציילט אין תושב"כ אין יתרו, און דערנאך דער המשך אין פ' משפטים, לויט פרש"י, אז ערב שבועות איז געווען דער ענין וואס אידן האבן געזאגט נעשה ונשמע, און אין א אופן אז "הקדימו נעשה לנשמע".

און ווי ער דערציילט דערנאך אין די סוגיא פון מ"ת אין מס' שבת, [וואס דאס האט דאך א הדגשה מיוחדת בש.ז. וואס דער גאנצער יאר איז דאס א שבת'דיקער יאר].

און ווי גערעדט בארוכה כמ"פ במשך די לעצטע וואכן, אט דאס וואס לכו"ע בשבת ניתנה תורה - אז תורה און שבת איז דאס דער זעלבער ענין אין תוכן, אין דער נקודה פנימית.

וואס דערפון איז דאך אויכעט פארשטאנדיק, אז וויבאלד אויף תורה זאגט מען "היא חיינו ואורך ימינו", וואס אין חיים איז דאך ניט שייך קיין הפסק, און דאס איז זינט דעם ערשטן רגע וואס יצא לאויר העולם, ביז נאך מאה ועשרים שנה, איז בהמשך אחד פון חיים, וויבאלד אז מ'זאגט אז "התורה היא חיינו", איז דערפון אויכעט פארשטאנדיק אז תורה איז בכל רגע ורגע פון א אידן איז דאס איז זיין "חיינו", און אין א אופן פון חיים וואס דאס איז "אורך ימים".

עד"ז וויבאלד אז מ'זאגט אז תורה און שבת איז די זעלבע זאך, איז פארשטאנדיק אז עד"ז איז דאס אויכעט בשבת, אז אע"פ וואס שבת איז דאך א יום שביעי בשבוע, און דערנאך איז דא די זעקס טעג פאר דערויף און די זעקס טעג שלאח"ז, איז דאס איז ווי שבת שטייט אין א אופן בהדגשה ובגלוי ובשלימות ובתכלית - איז דאס איז ביום השבת.

אבער אזוי דארף זיין דער "זכור את יום השבת לקדשו", ווי דער רמב"ן טייטשט דאס אפ, אז מ'איז מקיים די מצוה דורך דערויף וואס מ'דערמאנט שבת בכל יום שבשבוע, וואס דער דערמאנען איז דאך ע"פ ציווי פון תורת אמת, וואס דעמאלט ווערט די זכירה צוזאמען מיט דער עשי'.

ובל' פון דעם רבין נשיא דורנו - אז ער דערמאנט דאס ביז וואנעט ער לעבט דאס איבער דעם שבת - כאטש אפי' דאס רעדט זיך דער יום ראשון בשבוע, אדער ביום שני בשבוע אדער דער יום שלישי בשבוע וכיו"ב, עד"ז איז דאך אויכעט אין תורה דא דער זמן מ"ת, וואס דאס איז פעם א' בשנה אין חגה"ש, ביז אין דעם צווייטן קצה אז אין יעדער רגע איז התורה היא חיינו.

וואס עד"ז איז אויכעט שבת:

ס'איז דא ווי שבת איז אין אן אופן אחת בשבוע, און דערנאך איז דא ווי שבת איז "מיני' מתברכין כולהו יומין" - ברכה פון ל' ברכה והמשכה, אז דאס ווערט נמשך אין יעדער טאג און אין יעדער רגע פון דעם טאג, איז בא א אידן איז דאס א שבת'דיקער ענין.

און דאס איז דאך פארבונדן אויכעט דערמיט וואס מ'זאגט אז ביי א אידן איז הנפש השנית בישראל היא חלק אלוקה ממעל ממש, איז דאס פונקט אזוי ווי שבת איז דער חילוק המבדיל משבת לחול, אז דאס איז א ענין אז צווישן חול און דעם ענין איז דא א הבדלה, און א הבדלה אמיתית ע"פ תורת אמת.

עד"ז ווי ס'איז דער חילוק פון שבת און ימי החול, עד"ז איז אויך דער חילוק "המבדיל בין ישראל לעמים", איז דאך די הבדלה ניט פ"א בשבוע אדער אפי' פ"א בכל

יום, נאר דאס איז א ענין תמידי, וואס פונקט אזוי ווי מ'קען ניט משנה זיין [ווי רש"י ברייננגט אראפ בנוגע צו א מחלוקת מיט משה, אז "בקר וידע ה'", אז פונקט אזוי ווי מ'קען ניט משנה זיין] די גבולות בין אור לחושך "בקר ולילה" - עד"ז קען מען ניט משנה זיין די אנדערע הגבלות והבדלות וואס דער אויבערשטער האט געמאכט, כולל אויכעט דער "המבדיל בין ישראל לעמים", און כולל אויכעט דער המבדיל בין שבת לימי המעשה - לחול.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז א איד יעדער רגע פון זיין לעבן איז ער א שבת, נאר דערנאך ווערט ער נמשך בדוגמא ווי שבת ווערט נמשך - מיני' מתברכין.

דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק, אז תפקידו איז אז ער זאל מאכן פון דער וועלט "אני נבראתי לשמש את קוני" - מאכט ער פון יעדער ענין מיט וועלכן ער טרעפט זיך און פארבינדט זיך, ווערט דערפון א השתמשות לקונו - צו דעם אויבערשטן, - א השתמשות אמיתי, ווערט דאך בטל די דבר מיט וועלכן מ'איז זיך משתמש צו דער וועלכער ער איז זיך משתמש דערמיט, ווערט דאס א ענין פון אלקות - היפך בתכלית פון א ענין פון חול.

וואס עד"ז איז דאס אויכעט דער קשר - ווילבאלד אז ביי יעדער אידן איז דאך דער עיקר ביי עם דער חלק אלוקה ממעל ממש, וואס דאס איז דאך פארשטאנדיק אפי' פאר א פשוט שבפשוטים, אז בשעת ער ווייס אז ער האט ביי זיך א טייל פון זיך וואס דאס איז חלק אלוקה ממעל ממש, און א צווייטע טייל וואס דאס איז ניט פון חלק אלוקה - און ס'איז מערניט ווי א דבר הנברא מאין ליש ע"י הקב"ה, איז דאך פארשטאנדיק פאר א פשוט שבפשוטים אז דאס איז ניט בערך פון א עיקר וטפל, דאס איז ניט יהודה ועוד לקרא, נאר די גאנצע וואס פארנעמט ביי עם א ארט און תפיסת מקום איז דאס דער חלק אלוקה ממעל ממש, וואס דאס איז דאך שבת - דער שבת שבו.

וואס דאס גיט דערנאך דעם כח און די וודאות און דער פשיטות, אז ס'איז א זיכערע זאך אז מ'קומט איבער אלע מניעות ועיכובים, כאטש אפי' מ'געפינט זיך אין א גרויסער וועלט, וואס בכמות איז דאס א גרויסער כמות, ווי תורת אמת איז אליין מדגיש אז ס'איז "רבו מעשיך" און "גדלו מעשיך", וואס דאס איז סיי בכמות "רבו" און סיי באיכות "גדלו", - ס'איז אבער איכות פון די עניני העולם, ווי מ'זעט זיי אין עולם איז אויכעט דער ענין פון "גדלו".

איז דאס לגמרי ביי אים ניט נאר ניט א ענין של טפל לגבי עיקר, נאר דאס איז מערניט וואס ער קוקט אויף דעם מערניט כדי ס'זאל ווערן א דירה לו ית' בתחתונים.

במילא איז דאך אויכעט פארשטאנדיק, אז במה נחשב הוא אז עם ווייזט זיך אויס אז ס'איז שווער און מ'קען דאס ניט דורכפירן וכו' - דאס איז גאר איבגאנצען מופרך אזא מין סארט הנהה, ס'איז מערניט א דבר וואס איז תלוי אין זמן, אדער תלוי בהשתדלות, אדער אז דער אויבערשטער גיט אים כוחות נעלים יותר איז דאס תלוי אויכעט אין דער יגיעה.

ווארום מ'וויל אז אזוי ווי ער איז אן אדם גדול דורך דערויף וואס מ'האט אים געגעבן כוחות גדולים, איז ווען קען מען אויסנוצן כוחות גדולים, בשעת ס'איז דא א דבר גדול אויף וועלכען מ'נוצט זיי אויס.

מיט כוחות גדולים אויפטאן א קלייניקייט איז אט דעמאלט בלייבט דער עיקר ענין פון כוחות גדולים אן נוצן און הקב"ה לא ברא דבר אחד בעולמו לבטלה.

וואס דאס איז אויכעט אן ענטפער צו אט די וואס קומען מיט א שאלה:

פארוואס איז דאס אז ער האט אזוינע נסיונות און אזעלכע שוועריקייטן, וואס ארום זיך ביי אנדערע אידן זעט ער דאס ניט אפי' לא מיני' ולא מקצתי', און



הנחה פרטית בלתי מוגה

דערפון וויל ער אפלערנען אז דאס איז א סימן אז ער קען זיך פירן ווי א צווייטער וואס קען ניט ביישטיין דעם נסיון זאל ער אים אויכעט ניט ביישטיין.

איז דאס גופא וואס דוקא עם האט מען געגעבן די שווערקייטן איז דאס איז א הוכחה אז וויבאלד איני מבקש אלא לפי כוחם - אז מ'האט אים פריער געגעבן כוחות נעלים ביותר וואס דער צווייטער האט דאס ניט.

במילא איז דאך אדרבה - דאס מאכט נאכמער בפשטות אז ער קען דאס זיכער דורכפירן, ואין הדבר תלוי אלא בבהירתו וברצונו ובהשתדלות שלו, אדער אמאל אויכעט ביגיעה שלו.

וואס דאס איז אויכעט דער כללות הענין וואס מ'זאגט אז ס'איז דא "הקדימו נעשה לנשמע", וואס לכאו' איז דאך דאס היפך השכל אז נאך איידער ער הערט זאל ער שוין זאגן "נעשה".

עאכו"כ ווען דאס רעדט זיך וועגן "עם חכם ונבון" וואס "נשמע" האט דאך אויכעט דער אפטייטש פון "דבר כי שומע עבדך" דער ענין פון הבנה והשגה, איז א עם חכם ונבון וויל דאך זיכער דער אויבערשטער דער נותן התורה אז מ'זאל פארשטיין די זאכן וואס מ'טוט, און דא זאגט מען אז ער איז מקדים נעשה לנשמע.

איז כאמור - אז וויבאלד אז מ'האט זיי געזאגט אז מ'גיט זיי צוויי זאכן "נעשה ונשמע" איז גלייך "גילה לבני רז זה" - און מ'האט גלייך געכאפט זיך אין א זאך וואס מ'קען זיך אויף דערויף דינגען, און מגלה געווען דער סוד וואס איז דא בנשמת כל אחד ואחת מישראל, אז לכל לראש איז אים נוגע דער "נעשה", ווארום אט דאס איז פנימיות נפשו.

און דערנאך קומט דאס אראפ אין כוחות נפשו, ביז אין כוחות גלויים וואס ראשיתם איז חכמה בינה דעת מוחין שבאדם, אז דערנאך ערשט קומט דאס אראפ אין "נשמע".

וואס דאס איז אויכעט כמדובר כמ"פ המעשה הוא העיקר - די אפלערנונג בנוגע לפועל:

בשעת ס'קומט חמשה בסיון, און מ'דערוויסט זיך פון הורת אמת אז הימים האלו נזכרים דער חמשה בסיון הידוע פון דעם ערב מ"ת בפעם הראשונה, איז דעמאלט האבן אידן מקדים געווען נעשה קודם לנשמע, איז דאס ניט א ענין דערפאר וואס מ'איז געווען אין מדבר, און דערפאר וואס ס'איז געווען משה ואהרן עמהם בגלוי, און דערפאר וואס ס'איז געווען אז מ'האט ערשט געזען די אותות ומופתים במשך די חמישים ימים אלו און נאך פאר דערויף, איז דערפאר האט געקענט זיין הקדימו נעשה לנשמע -

נאר דאס ווערט דערנאך א פעולה נמשכת, נאר וואדען מ'גיט דעם אידן דער כח אז ער זאל מאכן דערפון א פעולה חדשה, וואס נקראת על שמו, אז בכל חמשה בסיון באנייט ער נאכאמאל מיט קב שלו, ביז דאס ווערט איינגאנצן זיינע א פעולה די הקדמת נעשה לנשמע.

אז נאך איידער ער פארשטייט, און נאכמערער, אפי' נאך איידער ער הערט וועגן וואס ס'רעדט זיך און וואס מ'וועט אים אנזאגן -

איז צום אלעם ערשטן איז ער מקדים אז נעשה - ער וועט דאס ממלא זיין מיט אלע פרטים און אלע ענינים אט וואס ס'זאל ניט זיין וואס מ'וועט עם אנזאגן, און דאס ווערט די אמת'ע הכנה און הקדמה און דער כלי, אז דערנאך זאל זיין די נתינת התורה דער מתן תורה און קבלת התורה באופן המתאים, ביז אין אן אופן פון שלימות, וויבאלד אז אויכעט די הכנה איז געווען בתכלית השלימות מצידו.

און אט דעמאלט גייט מען אריין פון ערב שבועות אין שבועות בלי הפסק זמן בינתיים, און דאס פארבינדט מען אז דאס איז בלי הפסק, אין מעמד ומצב נפשו איז ער אזוי צוגעגרייט אין ערב שבועות, אז ער קען גלייך אריינגיין אין חגה"ש אין זמן מ"ת און מקבל זיין די חמודה גנוזה וואס יש לך, און דער אויבערשטער גיט דאס אפ דא למטה ביז אין א אופן אז מ׳זאגט דערנאך אז תורה לא בשמים היא, און זי געפינט זיך דוקא בארץ, און ביי וועמען געפינט זי זיך - ביי יעדער אידן, און אין וואס פאר אן אופן געפינט זי זיך - אז דאס איז "מורשה קהלת יעקב", אז ער באקומט דאס און דאס ווערט זיינע נכסים, ביז וואנעט אז "נקראת על שמו".

וואס דאס קומט ע"י ההכנה אין די ימים שלפנ"ז בכלל און בערב שבועות במיוחד און אין דער נקודה פון הקדמת נעשה לנשמע, וואס דאס פארשטייט מען און מ׳קען דאס געבן צו פארשטיין ביז א קטן שבקטנים און ביז א פשוט שבפשוטים, ביז וואנעט אז דאס לייגט זיך אויכעט אפ אין די הבנה והשגה פון נפשו הבהמית ע"י האמצעות פון נפשו השכלית.

און ער ברייננגט דאס דערנאך אראפ אין המעשה הוא העיקר, אין אופן פון קיום המצוות בכל השנה הבאה לקראתנו לשלום, לשלום ולטובה, אז דער קיום המצוות ווערט ביי אים ביי יעדער מצוה אויכעט אין א אופן פון הקדמת נעשה לנשמע.

וואס דאס איז אויכעט ממשיך גלייך דער "שכר מצוה", מיט אלע פירושים, אנהויבנדיק פון דעם פירוש מצוה מל׳ צוותא - אז דאס מאכט עם איין זאך מיטן נותן התורה און מצוה המצוות, ביז די מצוה כפשוטה - אז מ׳דארף אויף דערויף אבזאגן ווארום מ׳געפינט זיך אין אן עוה"ז הגשמי, און דארטן פירט מען דאס דורך.

און אז דארטן אויכעט ברייננגט דאס גלייך דער "ונתתי גשמיכם בעתם" ביז "ואולך אתכם קוממיות" אין אלע פירושים.

ואין מקרא יוצא מידי פשוטו בפשטות הדברים, אז מ׳גייט בקומה זקופה, און מ׳שטייט בקומה זקופה ערב שבועות, און מ׳גייט אריין בקומה זקופה אין שבועות לקבל התורה, צו קבלת התורה בשמחה ובפנימיות,

און דערנאך דאס ממשיך זיין באופן כזה על כל השנה כולה.

* * *

ב. אויף בשעת שהקדימו ישראל נעשה לנשמע איז דערנאך די גמ׳ ממשיך אז דעמאלט זיינען געקומען מלאכים און מ׳האט מכתיר געווען יעדער אידן שני כתרים א׳ כנגד נעשה וא׳ כנגד נשמע.

און ס׳איז דאך ידוע אויכעט דער דיוק פון רבותינו נשיאנו, וואס ס׳הויבט זיך אן: בשעה שהקדימו ישראל נעשה לנשמע, און דערנאך זאגט מען אז מ׳האט געגעבן שני כתרים א׳ כנגד נעשה וא׳ כנגד נשמע.

וואס די הקדמה איז איין ענין - הקדימו נעשה לנשמע, אויב אזוי האט דאך געדארפט זיין א כתר א׳.

ווילבאלד אז מ׳זאגט אז א׳ כנגד נעשה וא׳ כנגד נשמע, איז דאך לכאו׳ וואו איז דא דער קשר אז ווי אזוי איז דאס געווען און פארוואס דאס איז געווען - די סיבה איז געווען דערפאר וואס הקדימו נעשה לנשמע.

און ידוע אויכעט אין דערויף דער ביאור, וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק די הוראה בנוגע למעשה בפועל.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ובהקדמה: וואס איז דאס בכלל דער ענין פון א כתר,

און וויבאלד אז דאס רעדט זיך וועגן תורת חיים - הוראה בחיים צו יעדערן וואס מורשה קהלת יעקב - וואס ער באקומט די תורה אלס ירושה, וואס דאס הויבט זיך אן גלייך משיצא לאויר העולם איז ער גלייך יורש.

איז דערפון פארשטאנדיק אז גלייך ווי ער קומט לגדר הבנה והשגה - פריער האט ער ניט דעם ענין, איז דערפון גופא, איז פונקט ווי דער וואס שטייט למעלה מהבנה והשגה איז עם ניט נוגע ווי ס'קומט אויס ע"פ הבנה והשגה, עד"ז דער וואס שטייט למטה מהבנה והשגה איז הבנה והשגה ניט אין זיין וועלט - ניט אין זיין עולם.

בשעת אבער ס'וווערט ביי עם די התחלה פון הבנה והשגה, אע"פ וואס דאס איז בקטנות, און מ'זאגט אז שוין ביי די קטנות פון הבנה והשגה איז ער אויכעט א יורש לפנ"ז און לאח"ז און בשעת מעשה, איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז נוסף על העיקר ווי דער ענין איז אין רזין דרזין דאורייתא, אדער רזין דאורייתא, אדער אין א לימוד באופן נעלה, אדער אין נגלה דתורה, איז דאס ניט מספיק - ס'דארף אויך זיין פארשטאנדיק בתכלית הפשטות אין שכל הכי פשוט.

וואס אז מ'גיט א קוק בעיני בשר, אין וואס באשטייט א חילוק פון כתר מיט שאר לבושי האדם (וואס כתר איז דאך אויכעט איינע פון די זאכן וואס ער טוט אן אויף זיך, איז דער חילוק איז בשניים: ערשטנס איז דאס ניט א ענין וואס דאס נעמט ארום א גרויסן חלק פון גוף, עאכו"כ דאס איז ניט א ענין ווי מאכל ומשקה וואס דאס ווערט א דם ובשר כבשרו און דאס ווערט "ותורתך בתוך מעי" און ס'גייט ארײן בפנימיות - נאר דאס איז אין א אופן פון לבוש ומקיף.

און וואס איז ער מקיף - דער כתר איז מקיף דער חלק הכי עליון וואס איז דא באדם.

וכמדובר כמ"פ דער חילוק פון א אדם מיט א בהמה, וואס ווארפט זיך גלייך אין די אויגן, אז ביי א בהמה איז דער גובה מן הארץ פו דעם ראש הבהמה מיט דער זנב פון דער בהמה (תחלת הזנב פון דער בהמה) איז די זעלבע אויפגעהויבנקייט פון דעם ארץ,

בשעת ס'רעדט זיך וועגן אן אדם, איז מעמדו ומצבו איז אין אזא מין אופן אז דער ראש געפינט זיך בראשו ובעליונים שלו, און כל שאר חלקי הגוף, אפי' דער לב עאכו"כ דער כבד וידים ורגלים געפינען זיך למטה מן הראש.

וואס אין ראש גופא איז דאך דא כמה חלקים בראש, ביז וואנעט אז דארט איז דא די אלע ענינים פון דיבור בפה, און פון ריח בחוטם, און שמיעה באזנים און ראי' בעינים, וואס זיי זיינען דאך בדוגמא פון שם ה', כמבואר בזהר און תק"ז ובכ"מ, וויבאלד אז מ'פארגלייכט דאס אין תורת אמת מיט שם ה', איז דאך פארשטאנדיק דער עילוי שבדבר און מעלה שבדבר און חשיבות שבדבר.

איז אבער דא נאך א זאך וואס דאס איז העכער נאך אפי' פון עיניים שבראש: וואס דאס איז דער חלק הגולגולת, וואס חלק הגולגולת קען מען אויכעט זאגן אז ס'איז דא למטה מהעיניים, עכ"פ ניט דארטן וואו די עניים געפינען זיך, אבער דער חלק הגולגולת אויף וועלכע ס'טוט זיך אן דער כתר איז דאס איז למעלה אפי' פון עניים, דער חלק הכי עליון וואס ס'איז דא אין אדם, און אין אדם גופא אין ראשו של אדם.

און דערנאך ווערט נאך א העכערע זאך דערפון, וואס וואס איז דאס - איז דאס דער כתר וואס ער טוט אן על ראשו.

וואס לכאו' איז דאס אויכעט דא אין יעדער היטל, איז דאך יעדער היטל טוט מען דאך אן על הגולגולת שעל הראש? - דער חילוק איז אבער מן הקצה אל הקצה:

אז מ'טוט אן א היטל איז דאס בתור טפל אל הגולגולת כדי באשיצן עם פון מטר אדער קור וחום וכיו"ב, אדער ווי ברוחניות הענינים אכסיא ראשך, כדי ס'זאל זיין דער ענין פון יר"ש, וואו איז דער ענין פון יר"ש - איז דאס בגופו של אדם בראשו בלבו ובכבוד שלו וואס זיי זיינען די תלת שליטין באדם.

דער כתר איז ניט נאר ער איז ניט קיין טפל צו דעם גוף, אדרבה - מ'זאגט אז "מלך ביפיו תחזינה עיניך" איז דאס פארבונדן דערמיט וואס "כתר מלכות אשר ניתן בראשו".

וואס דערפאר איז דאך אויכעט ווי דערציילט אין מגילת אסתר, בשעת ס'איז געווען די הצעה אז "נתון הלבוש והסוס" און "אשר ניתן כתר מלכות בראשו" איז דערנאך בפועל האט מען געגעבן מערניט ווי דער לבוש און דער סוס אבער ניט דעם כתר.

וואס ווי מפרשים זיינען מבאר, און דערנאך ווי דער ביאור בארוכה פון דעם אלטן רבי'ן בספרו תורה אור, איז דאס דערפאר וואס כתר איז דאס ניט שייך צו אוועק געבן דאס אן אנדערן, ווארום דאס געהערט איינגאנצן צו דעם מלך, און מערניט ווי צו דעם מלך.

וואס דערפאר איז סוס המלך - וואס ע"פ דין איז אין משתמשין לא בשרביטו ולא בסוסו ולא בכל כלי תשמישו, ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין סוף הל' מלכים, און אויכעט כולל אין דערויף אויך ניט בכתרו -

איז אבער דא אזא מין אופן וואס ווען דער מלך הייסט אז מ'זאל געבן סוסו ולבושו און כלי תשמישו זאל מען דאס געבן צו א צווייטן, בדוגמא ווי דערציילט אין מגילת אסתר.

וואס מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא, און בפרט נאך לפי פירוש חז"ל, אז אחשורוש איז דאס מי שאחרית וראשית שלו, אז דאס גייט אויפן אויבערשטן.

וואס דערפון אויכעט פארשטאנדיק בנוגע צו דעם חילוק וואס מ'איז דערנאך מסביר, אז מ'האט געגעבן דער לבוש און דער סוס אבער ניט דעם ענין פון כתר, וואס דאס איז דאך אויכעט ווי דער אלטער רבי איז דאס מפרש און רבותינו נשיאינו ממלאי מקומו, אין די דרושים שלאח"ז.

וואס דערפאר איז דער עיקר ענין המלכות איז דאס גאר תלוי בכתר.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז מיט וואס האט מען אויסגעפרואווט מלכי בית דוד צי זיי זיינען ראוילים למלוכה - האט מען דאס אויסגעפרואווט דורך דעם כתר, אז מי שהכתר הולמתו דאס איז געווען דער סימן אז ער איז א ריכטיקער מלך, און אויב ער איז ניט געווען כדבעי איז אט דעמאלט דער כתר איננו הולמתו, וואס דאס געפינט מען ניט בנוגע צו סוס המלך און ניט בנוגע לבוש המלך און ניט כלי תשמישו - מערניט ווי בנוגע צו דעם כתר.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק בנוגע אין עבודת האדם, וואס דאס איז דאך א עיקר אין חיי האדם, ביז וואנעט אז דאס איז די גאנצע מציאות פון א אידן, [וכמדובר כמ"פ דער דיוק פון דעם לשון: לא אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני, אז דאס איז דער עיקר און בדיעבד און לעיכובא וכו'].

איז דאס פארבונדן ביי עם אויכעט אז ס'דארף דאך זיין אז ווייבאלד אז ער איז א נברא, רמ"ח איברין ושס"ה גידים מיט איברים פנימיים און מקיפים, און דאס איז

זיין גאנצע מציאות "לשמש את קונו" - דארף זיין "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך" מיט די אלע ענינים איז ער משמש את קונו.

ביז וואנעט אז דער תכלית השלימות בזה איז אז ער איז משמש את קונו אין א אופן ובדוגמא און לויט די הוראה וואס מ'נעמט ווי א כתר געפינט זיך, אז זיין כתר איז אויכעט משמש את קונו, און דורך וואס איז דאס? - וואס ביי עם ווערט דער המשמש את קונו אין אן אופן פון כתר.

אז ווי ביי עם זאל ניט אויסקומען "בכל לבבך" און ווי ביי עם זאל ניט אויסקומען "בכל נפשך", איז נאך דא נאך למעלה מזה, אז ווי ביי עם קומט אויס מצד דעם כתר שבנפש, וואס דאס איז העכער אין זיין שיעור קומה ביז וואנעט אז ס'איז גאר העכער פון זיין גאנצע קומה.

וואס בפשטות דאס איז און אין וואס זעט זיך דאס אן לפועל? - א זאך וואס עס ווילט זיך מצד רגש שבלב צי מצד אהבה אדער מצד יראה אדער אן אנדער מדה שבלב און דערמיט דינט ער דעם אויבערשטן, איז דאס אויכעט א עבודה "בכל לבבך", עשר כוחות פנימיים וואס דאס איז כולל אויכעט די מידות שבלב, עד"ז אז ער דינט אין די רמ"ח איברים ושס"ה גידים.

מ'ווייסט נאך אבער ניט ווי דאס איז - צי דאס איז תכלית השלימות, ווארום ער האט נאך א מקום אין זיין שיעור קומה -

בשעת אבער ער דינט דעם אויבערשטן אין א אופן פון כתר, וואס כתר איז למעלה און מקיף כל הגוף כולו, מיט די ענינים וואס זיינען דא אין גוף וואס דאס איז די נשמה,

סיי ווי די נשמה שטילט בלב און סיי ווי די נשמה שטילט בראש ובמוחו.

און ער דינט דעם אויבערשטן אין א אופן פון כתר, וואס וואס איז דאס בפשטות, וואס יעדערער פארשטייט דאס איז דאס אט די כוחות און די ענינים וואס מעסטן זיך ניט אפ לויט זיין שכל אדער לויט דעם געפיל פון זיין הארצן, ווארום דאס איז א ענין פון רצון אמיתי אדער א ענין פון תענוג אמיתי, וואס רצון אמיתי און תענוג אמיתי איז ניט פארבונדן מיט א רגש שבלב אדער כיו"ב, דאס איז פארבונדן דערפאר וואס אזוי איז ער באשאפן געווארן אז ער האט א רצון צו ענינים מסויימים.

ווי מ'זעט דאס - אין דעותיהם שוות, ס'איז דא אזא מין וואס ער ווערט באשאפן אז ער האט א חוש אין א חכמה מסויימת און א דיעה מסויימת און א נטי' מסויימת לחסד או לגבורה וכו', און דאס ווערט ביי עם די זאך וואס איז שולט ומושל על כל הענינים ביז וואנעט אז דאס ווערט ביי עם ניט אין א אופן פון ממשלה מהכרח נאר אין א אופן וואס ער וויל דאס גאר.

וואס דערפאר בשעת מ'דינט דעם אויבערשטן אין א אופן פון נעשה, וואס א אופן פון נעשה איז - אז גלייך ווי ער דערהערט אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אז מ'זאל טאן מ"ע, עשי' - טוט ער דאס.

דערנאך איז דא אז ער דינט דעם אויבערשטן אין אן אופן פון "נשמע" - אז דאס איז ניט א זאך וואס ער דארף טאן - ער דארף פאלגן.

וואס איז דער חילוק פון פאלגן און טאן און טאן סתם? - איז דאס בפשטות דער הילוק פון מ"ע און מל"ת, פאלגן אין א ענין פון מ"ע זעט מען דאס דורך דערויף וואס ער טוט נעשה, פאלגן אין א ענין פון ל"ת זעט מען ניט אין מעשה נאר פארקערט - אין א ענין וואס איז העדר העשי', נאר מ'זעט אז ער האט דערהערט, אז אע"פ וואס



הנחה פרטית בלתי מוגה

לכאו׳ דארף ער וועלן טאן דעם ענין און דארף זיך יאגן נאך דעם ענין וכו׳ וכל הפרטים שבדבר, האט ער דערהערט וואס מ׳האט עם אנגעזאגט.

איז דאס נאך אלץ ניט א ענין וואס דערפאר קומט א כתר, ווארום ער איז מקיים אלע מ"ע און מקיים אלע מל"ת, ס׳איז אבער נאך ניטא די הוכחה און די ראי׳ אז דאס איז דערפאר וואס ער דינט דעם אויבערשטן אין א אופן וואס דאס נעמט עם אינגאנצן ארום, און וואס דאס נעמט עם ארום ניט נאר ווי א לבוש, נאר דאס איז ביי עם דער "מלך" על כל עניניו, בדוגמא ווי א כתר מאכט א מלך פאר א מלך.

בשעת ס׳איז אבער געווען **הקדימו** נעשה לנשמע, וואס דאס באווייזט דאך אז עם איז ניט נוגע וואס מ׳וועט עם זאגן, און ווי אזוי מ׳וועט עם זאגן, און וועגן וואס מ׳וועט עם זאגן און וואס מ׳וועט עם צוזאגן דערפאר, און צי דאס איז מתאים לרצונו ולתענוג שלו, והראי׳ ער איז מקדים נעשה לנשמע - אט דאס מאכט אויף פון דעם "נעשה" אז דער "נעשה" זאל ווערן "כתר", און דאס מאכט אויף פון דעם "נשמע" אז דער "נשמע" זאל ווערן "כתר" -

אט דאס איז די הוכחה אז בשעת ער פירט זיך אויף לויט "נעשה" - די קבלה פון "נעשה", און פירט זיך אויף ווי ער האט מקבל געווען אויף זיך "נשמע", איז דאס געווארן אין א אופן וואס ער טוט דאס אזוי ווי א כתר, במילא קומט עם דערפאר אויכעט דער שכר אז "באו מלאכי השרת" אז מ׳האט זיי געגעבן א "כתר כנגד נעשה" און א "כתר כנגד נשמע".

ווארום דאס איז געווען בשעה וואס דער "נעשה ונשמע" איז געווען אין א אופן וואס "**הקדימו** נעשה לנשמע".

וכמדובר איז די הקדמת נעשה לנשמע איז דאס געווען אלס א הכנה צו מ"ת און קבלת התורה.

וואס דאס הויבט זיך אן בחג השבועות, און דאס איז שוין געווען בערב חג השבועות.

און דאס איז פשוטו של מקרא, ביז אין עולם הזה אין עולם הפשט, ביז בנוגע אויכעט פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך" צו אט דעם וואס איז שייכות מערבים ווי צו פשטות הענינים, וואס דאס איז דער פי׳ פון רש"י אין די ענינים פון תורה בכלל און בפרט בנוגע צו תושב"כ, נאכמערער ווי בפירושו בש"ס, ביז וואנעט אויכעט בנוגע דעם ענין עיקרי בתורה עצמה, וואס דאס איז דער ענין פון מ"ת.

וואס דאס איז אויכעט די הוראה אין המעשה וואס המעשה הוא העיקר:

אז די נקודה וואס מ׳נעמט מיט פון חמשה בסיון, וואס דאס איז ווי דער סיפור, וואס א סיפור בתורה איז א הוראה, ווי ער זאגט אין זהר און כמדובר בארוכה כמ"פ.

איז די הוראה דערפון אז א איד האט בכח, און מ׳גיט עם כוחות אויף דעם, און דערפאר ערווארט מען דאס פון יעדער אידן, און יעדער איד קען דאס אפטאן און אויפטאן בשלימותו, ביז וואנעט אז דאס איז מתאים ווי תורת אמת פארלייגט דאס.

אז ס׳זאל זיין אין אלע זיינע ענינים וואס ער גייט נעמען בחה"ש מחדש ע"י התורה [ולימוד מביא לידי מעשה -] ומצוותי׳, אין א אופן ווי ער נעמט אויף זיך ערב חה"ש - הקדמת נעשה לנשמע.

און אט דעמאלט איז ער עובד בכל כוחות נפשו, אז אין יעדערער פון זיי שטילט דעם כתר וואס איז אין דעם כח בגלוי, ביז וואנעט אז ס׳ווערט אויכעט א כתר



הנחה פרטית בלתי מוגה

בגלוי, הנראה לעיני בשר, אז יעדער איד ווערט ניט נאר בני מלכים הט נאר אויכעט מלכים הם, ואדרבה - דאס ווערט דער עיקר ענינם,

וכמבואר און מותנה נאך פאר קבלת התורה אז "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים", און ווי ער טייטשט אפ אין תרגום "ממלכת - מלכין", וואס דאס איז געזאגט געווארן צו יעדער אידן, וואס צו יעדער אידן האט מען דאך געגעבן די תורה, און ווי ער זאגט אין פדר"א אז אלע נשמות זיינען דעמאלט געווען באם בארג סיני, האט מען דאס צו יעדער נשמה געזאגט אז "ואתם תהיו לי ממלכת" אז ס'וועט זיין אין א אופן פון "מלכין", ביז וואנעט אז דאס קומט אויכעט אראפ למטה מעשרה טפחים, אז א איד פירט זיך ווי א מלך, וואס אמר מלכא עקר טורא, כולל אויכעט דער נדמה להם להר, וואס יצה"ר איז נדמה להר -

איז ער עם עוקר - און ניט ער זאגט דעם לשון אז ער איז עם מבטל, נאר ער רייסט עם ארויס פון זיין ארט און שטעלט עם אוועק במקומו הנכון, וואס דאס איז דער ענין פון אתהפכא - בכל לבבך - בשני יצריך.

און דאס איז ער מקבל אויף זיך ערב שבועות, און באופן כזה איז ער מקבל דערנאך די תורה צוזאמען מיט דעם אויבערשטנ'ס הבטחה, אז ס'איז א זיכערע זאך אז "בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמורו", וכמדובר כמ"פ אז די ציווים שבתורה האבן אויכעט דעם אפטייטש פון הבטחה.

אז כן תהי' לנו, מיטנעמענדיק די החלטה פון חמשה בסיון און החלטה ווי תורת אמת וויל און גיט כח אויף דעם וואָרום דאס איז תורת חלים און גיט דעם כח אויף דעם אין אן אופן ווי ס'ווערט געגעבן פון הורת הסד, ניט ח"ו מ'מאטערט א אידן אין דעם, נאר מ'גיט דאס עם אין א אופן אז ער זעט אז דאס איז חסד - דאס איז ניט נאר אהבה וואס דערפון קען דערנאך אראפקומען אדער חסד אדער אן אנדער אופן נאר דאס איז חסד וואס בגלוי איז דאס חסד.

און מקבל זיין די תורה פון דער הכנה, און דערנאך האט מען א שנה של תורה, וואס ס'גייט צוזאמען מיט שנה של תפלה, און שנה של תשובה, און ווי די התחלה פון דעם א"ב א שנה של אורה און א שנה של ברכה, פון "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", און מ'טייטשט גלייך אפ דעם ב' (פון בראשית) וואס שטייט פאר דעם ראשית אז דאס באווייזט בשביל ראשית, און ווער איז דאס, איז דער ראשית - ישראל ואורייתא (ישראל און תורה),

און מ'נעמט דאס מיט, כאמור, על כל השנה כולה, א שנה טובה ומבורכת בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד, לחיים.

* * *

ג. ס'האט זיך גערעדט כמ"פ וועגן הורת הבעש"ט, אז יעדער זאך וואס א איד הערט אדער זעט, איז אין דערויף דא א הוראה אין זיין ענין וואס דאס איז בעבודתו לקונו,

און אין פשוט'ע ווערטער, ער קען דערפון ארויסנעמען א הוראה ווי אזוי צו דינען דעם אויבערשטן, וואס ביז דעמאלט האט ער די הוראה ניט געהאט.

וואס דאס איז דאך אויכעט פארבונדן מיט דעם ביאור אין דעם ענין פון השגח"פ פון דעם בעש"ט, אז דאס איז אויף יעדער פרט און אויף יעדער פרט שבפרט, ביז ווי דעם לשון פון נשיא דורנו אז דאס איז נוגע אין מחשבה דא"ק.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז וויבאלד אז דאס איז בהשגח"פ און וואס נעמט זיך ביז פון אדם קדמון, איז דאך זיכער פארשטאנדיק אז דאס איז ניט ח"ו לבטלה, נאר דאס איז א חלק פון זיין לעבן - דאס איז עם נוגע, און אין וואס ס'איז בא עם

באמת נוגע, און וואס איז באמת נוגע צו אזא מין וואס לא נבראתי אלא לשמש את קוני, איז דאך נוגע "לשמש את קוני".

וואס דאס איז דער ביאור בפשטות פון דער תורת הבעש"ט.

דערנאך דארף מען דאך אבער האבן "טאפארו דא פלאחוי" - אז מ'לייענט דאס אין די שיחות און דערנאך לערנט מען דאס און דערנאך איז מען זיך מפלפל בזה, און דערנאך אז מ'גייט ארויס אין גאס און מ'גיט א קוק ארום זיך און מ'זעט א ריבוי פרטים, איז רעכט אז ס'זאל דורכגיין שעות און טעג און וואכן און עס זאל ניט איינפאלן אז דאס מיינט מען עם אליין, אז פון דעם פרט וואס ער האט געזען בימי החול, און האט דאס געזען ניט בזמן התפלה אדער בזמן ההורה אדער בזמן פון עבודה בכלל, נאר באכילתו ובשתיתו ובטיולו ובמשאו ומתנו - איז אט דאס מיינט דער בעש"ט!

און ניט ער מיינט דאס אז דאס זאל פארשריבן ווערן און אפגעדרוקט ווערן און איינגע'חזר'ט ווערן און מ'זאל דאס געדיינקען בדיוק מיט אלע פרטים - נאר ער מיינט, כאמור, אין המעשה הוא העיקר, אז מ'זאל דאס מקיים זיין מיט זיך, און טאקע בפועל.

ביז וואנעט ער וועט דערפון ארויסנעמען א הוראה, און דאס וועט ביי עם צוקומען א שינוי, וואס ביז וואנעט ער האט זיך אין דערויף ניט ארייגעטראכט האט ער דאס ניט געוואוסט.

לכאו' - א איד מיט ווייסע האר צו א ווייסע בארד וכיו"ב, און געלערנט אין א ישיבה און דערנאך קביעות עיתים בתורה מיט אלע ענינים - זאגט דער בעש"ט א איינפאכע הוראה, ס'קומט אין מיטן אכילתו ושתייתו און ניט סעודת שבת ויו"ט נאר א סעודה בימות החול, און ניט עיקר אכילתו ושתיתו נאר א פרט שבפרט אין דער אכילה, זאל ער וויסן זיין אז דאס איז ניט א קלייניקייט - דאס איז א קלייניקייט וואס דארף ביי עם ניט תופס מקום זיין אלס אכו"ש, דאס איז אבער גאר ניט קיין קלייניקייט, אין דערויף איז דא א הוראה וואס ביז איצטער האט ער דערפון ניט געוואוסט!

און אויב ער וועט דאס איצטער ניט ארויסנעמען פון דעם פרט, וועט ער ווייטער דאס אויך ניט וויסן, במילא וועט פעלן אין דעם אופן ווי ער דינט דעם אויבערשטן, וואס דאס איז זיין גאנצע מציאות - צוליב דערויף איז ער באשאפן געווארן "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני".

וכאמור - אט דא זעט מען אט דאס וואס חסידות האלט אין איין שטורעמען:

ווען איז די בחינה אז ער האט געלערנט ווי ס'דארף צו זיין, ווען ס'קומט דערנאך ארויס א "בכן", און ניט נאר א "בכן" אין זיין לערנען בדיבור ובמחשבה והחלטה בנפשו - נאר ס'קומט ארויס א "בכן" אין מעשה בפועל.

וואס מצד דעם ענין וואס דער בעש"ט טייטשט בפירוש אויס אז וואס פאר א זאך ס'זאל ניט זיין איז דאך פארשטאנדיק אז מ'מיינט טאקע בכל פרט ופרט, און דאס מיינט מען יעדערן וואס "בשם ישראל יכונה".

די וואס זיינען חובבי תורה ומצוה - עאכו"כ, מאי קמ"ל, אפי' אזא מין וואס בשם ישראל יכונה איז ער אויכעט בכלל זה.

נאר דער וואס בשם ישראל יכונה ווייס ניט פון תורת הבעש"ט, ווייס ער ניט פון תורת הבעש"ט קען מען צו עם קיין טענות ניט האבן.

בשעת ער ווייס אבער יע פון תורת הבעש"ט - איז דאך דאס גופא געווען בהשגח"פ אז מ'האט עם מודיע געווען פון דער תורה, איז דאך פארשטאנדיק אז דאס ווערט פון עם געמאנט און ערווארטעט, און ער קען דאס מקיים זיין, און קען דאס מקיים זיין ווי אלע ענינים פון תומ"צ בשמחה וטוב לבב.

וואס בנוגע צו דער פרט האמור לעיל - אט דא זעט מען ווי אזוי א איד איז מקשר ענינים וואס לכאו' זיינען זיי הכי פשוטים, און לכאו' מ'געפינט דאס אזוי ביי אוה"ע אויכעט -

אעפ"כ זאגט מען, אז א איד דארף דערפון ארויסנעמען א הוראה בעבודתו לבוראו, וואס לכאו' ווי שטימט דאס? דער גוי זעט די זעלבע זאך, מיט די זעלבע עיני בשר און אין דעם זעלבן מעמד ומצב, מ'קען דאך ניט זאגן אז דא מיינט מען ער זאל מוסיף זיין - ער האט קיין שייכות מערניט ווי צו שבע מצוות ב"נ.

און די הוראה איז גאר אין אן אנדער ענין.

האט מען דאס אויכעט באווארנט:

ס'שטייט אין מדרש אז לא נברא זהב בעולם נאר וואדען אזוי ווי מ'האט געדארפט האבן זהב במקדש איז צוליב דערויף האט מען באשאפן זהב בעולם.

ביז וואנעט אז ס'קען גאר זיין א מציאות אז ווען "זהב הרביתי להם" האט מען דערפון געטאן א ענין היפך עשרת הדברות.

במילא איז דאס קיין קשיא ניט, אזוי האט דער אויבערשטער געוואלט אז ס'זאל זיין "ובחרת" - ער זאל האבן א בחירה, און כדי ער זאל האבן בחירה האט מען באשאפן זהב אין וועלט.

און דערנאך קומט צוגיין תורת אמת און איז מגלה אז לא נברא זהב מערניט דערפאר וואס מ'האט געדארפט האבן זהב במקדש.

איז געווען טויזנטער יארן פאר דערויף זהב בעולם, כדי דערנאך אז ס'וועט קומען דער זמן וואס מ'וועט דאס דארפן האבן במשכן (דאיקרי מקדש) און אין דעם מקדש (כפשוטו), וועט מען דאס דעמאלט ניצן אויף דעם ענין אויף וועלכן ער איז באשאפן געווארן.

וואס עד"ז איז דא אויכעט איצטער, מ'האלט דאך אין איין שטורעמען בנוגע צו קטנים און קטנות בישראל אז מ'זאל וויסן זיין, אז לאחר וואס תורת אמת דערציילט, זיינען זיי גאר די הויפט מחותנים בנוגע צו מ"ת און קבלת התורה, וואס דאס איז פארבונדן מיט "בנינו ערבים אותנו".

- מוז מען צו זיי אנקומען אז זיי זאלן זיין די ריכטיקע "ערבים".

וואס דאס קומט בהמשך צום מנהג ישראל תורה הוא, וואס דאס איז דער ענין פון ל"ג בעומר, [וואס דעמאלט, איז געווען (ווי ס'שטייט אמאל) דער מ"ת פון פנימיות התורה, - די זיכערע זאך און לכל הדיעות און מ'דארף ניט האבן קיין ראיות אויף דערויף אז דעמאלט איז געווען דער גילוי פון פנימיות התורה, ביז אין א אופן וואס ער זאגט "בהאי חיבורא דילך" אין ספר הזהר, אז דעמאלט איז אפי' "רביא" - קטנים, און דערנאך ווי ער איז מפרש "רביא דעלמא" - וועלטישע רביא, האבן אויכעט געלערנט און פוסק געווען אין רזי תורה -],

איז מנהג ישראל תורה הוא אז דעמאלט איז איינגעפירט אז מ'באפרייט קינדער פון לימוד התורה אין חדרים און ת"ת, וכאמור - ביטולה של תורה זוהי קיומה - אז דוקא דורך דערויף ווערן זיי אויפגעהאדעוועט אז זיי האבן די "תרעא לדרתא" און

זיי האבן די "דרתא" וואס תורה איז דערצו די "תרעא" (וו די גמ' זאגט אין שבת), ווארום מ'האדעוועט זיי און ס'ווערן אויפגעבויט אויף יראת שמים און אהבת שמים, וואס דאס איז פארבונדן מיט יראה - אויף ניט אנצורירן א אידן.

און ניט אהבת ישראל - אז "ואהבת לרעך" זאל זיין אין א אופן פון "כמוך".

איז איינגעפירט בכל תפוצות ישראל, און אין די דורות וואס זיינען ניט אחרונים "כבני אדם", נאר אויכעט אין די דורות וואס זיי זיינען געווען כמלאכים בערך פון די דורות.

- אז ס'קומט צו ל"ג בעומר, איז פונקט ווי מ'טוט דאס ערב שבת און ערב יו"ט און ס'ווערט א דין אין שו"ע, אז דעמאלט איז ניטא דער ענין פון לימוד התורה בהתמדה ושקידה, אפי' ביי תינוקות של ב"ר, ווארום מ'גרייט זיך צו שבת און יו"ט (אדער מאיזה טעם שיהי').

איז עד"ז איינגעפירט דורך "ראשונים כמלאכים" (וואס ח"ו פארטשעפען זיך מיט זיי) אז ס'קומט ל"ג בעומר - באפרייט מען קינדער אויף א זמן מסויים פון לימוד אין חדר אדער אין תלמוד תורה אדער אין בית ספר (ווי מ'רופט דאס איצטער אן) אדער אפי' בישיבה, און זיי האבן דעם זמן וואס אט דעמאלט נוצן זיי עם אין א ענין וואס דאס איז פארבונדן און מיוסד מיט אהבת ה' און יראת ה', אע"פ וואס בגלוי זעט מען אין דערויף ווי דער רמב"ם זאגט "אכילתו ושתיתו וטיולו" די אלע זאכן וואס ווערן אנגערופן בשם "שפילאכצן".

און וואס מ'האט דאס געמאכט אין ש.ז. וואס דאס איז שנה השביעית שבת לה', מיט מער שטורעם ווי ס'איז געווען פאראיארן און פאר צוויי יארן און פאר דריי יארן וכו', און ס'האט מצליח געווען און ס'האט מעורר געווען סיי די קינדער "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" סיי זייערע עלטערן, סיי אט די וואס זיינען געשטאנען מבחוץ און זיי האבן זיך צוגעקוקט ווי א אדם העומד מבחוץ - האט דאס אויף זיי אויכעט גע'פועל'ט.

ביז וואנעט אז ס'האט אויכעט גע'פועל'ט אין אויר העולם, אפי' ביי אינם יהודים, וואס זיי האבן יע דערזען אז שם ה' נקרא עליך, ביז וואנעט ס'האט אויף זיי גע'פועל'ט "ויראו ממך" - זיך ניט טשעפען מיט א ענין וואס תנוקות של ב"ר טוען, וואס די גמ' זאגט "אל תגעו במשיחי - אלו תנוקות של ב"ר"!

און אז מ'פארטשעפעט זיך מיט א תינוק של ב"ר - פארטשעפעט מען זיך מיט א מענטשן וואס דער אויבערשטער זאגט אז דאס איז **משיחי** - דאס איז **זיין** משיח!

א איד האט דאך בחירה, בפרט נאך אז ער האט אזוינע חנופים וואס שטופן עם אהינצו וואו א איד טאר אפי' ניט קוקן, ניט נאר ניט שטייען אהינצו - קען זיין א מציאות וואס ער נוצט דאס אויס פונקט אויפן היפך.

... מ'געפינט זיך אבער אין א מקום קדוש, אין א בית הכנסת ובית המדרש, און נאך ר"ח סיון, וואס פון ר"ח סיון אן איז "ויחן שם ישראל", ויחן לשון יחיד, כאיש אחד בלב אחד,

און די אלע וואס ווילן פארפירן מחלוקת - איז אוי ואבוי - א ביטערע רחמנות אויף א אידן, וואס אט קומט משיח, און אין וואס ליגט ער - פארשפרייטן מחלוקת צווישן איין אידן מיט א צווייטן!

אמת טאקע דאס איז מיוסד אויף שנאת חינם, אבער שנאת חינם איז דאס אט דאס וואס האט געבראכט דעם חורבן, הילי"ת, ווארום מ'געפינט זיך שוין אין די לעצטע טעג פון גלות, און עס וועט זיך קיינעם ניט איינגעבן פאנאנדערפלאקערן, רח"ל, אט

די סיבה וואס האט געבראכט צום חאט, וואס דערפאר איז געווארן דער חורבן השני, וואס "לא נתגלה קיצו"!

ביז וואנעט אז ס׳איז געקומען תורת אמת און האט געזאגט: ס׳איז טאקע **לא** נתגלה קיצם - אבער איצטער געפינען מיר זיך אין א זמן וואס **כלו כל הקיצין!**

ניט נאר מ׳דארף ווארטן אויף א גילוי - ס׳איז א זיכערע זאך אז ס׳איז שוין נאכן קץ, און נאכמערער - ס׳איז "כל הקיצין": וואס פאר א דיעה עס זאל נאר זיין, צי פון א מיקל, צי פון א מחמיר, צי פון א מחמיר שבמחמיר - זאגט תורת אמת אז "כלו כל הקיצין".

וויבאלד אז כלו כל הקיצין - איז פארברענט געווארן דער שנאת חנם,

און הלי"ת אויף מחי׳ זיין (אויפלעבן) צוריק אן ענין פאר וועלכן עס איז חרוב געווארן, רח"ל, בית מקדשנו, ווי די גמ׳ זאגט אין יומא. דברים ברורים, ונתרחקנו מעל אדמתנו ואין אנו יכולים לעלות ולהשתחוות,

- אז **מ׳וויל** בוקן זיך פאר דעם אויבערשטן - קען מען ניט, עאכו"כ אז מען בוקט זיך צו זיך.

איז א זיכערע זאך אז דאס וועט ניט מצליח זיין.

בשעת אבער מ׳האט ניט קיין זכות, אט דעמאלט איז מען מצליח אויף מבלבל זיין און ארייננווארפן א ספק, ביי א אידישן קינד וואס איז געגאנגען ל"ג בעומר און האט געשריען **שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד!**

וואס מיט דעם פסוק זיינען אידן, ניט איצטער געדאכט, געגאנגען אויף מס"נ בפועל, און מיט די ווערטער זיינען זיי אריבערגעגאנגען פון עלמא דשיקרא אין עולם האמת!

און דאס האבן געטאן אידישע קינדער בריש גלי!

נאר אויף שנאת חינם איז דאך קיין קשיא ניט - דאס איז דאך שנאת **חינם**, וויבאלד אז ס׳איז חינם - איז ניט שייך צו זוכן קיין הסברה!

און דערנאך קומט צו דער ביטערער רחמנות: פון וואנעט טאקע קומט דאס?

ס׳איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: בן אברהם יצחק ויעקב, מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן - ווי קומט מען דאס זיין דורכגענומען מיט שנאת חינם?

ניט רוען, מבטל זיין מתורתו! מבטל זיין פון עבודת ה׳ און זוכן אידן - אפשר קען מען זיי מבלבל זיין, און אין זיי איינפלאנצן שנאת חינם!

איז די הסברה גאר א פשוט׳ע: **ער דאווענס אין פסול׳ע תפילין!**

איז דאס וואס דאס איז פארבונדן מיט אן עבודה פרטית פון א איש פרטי - איז דא די שאלה: דאס איז ברכה לבטלה, די שאלה וואס ער האט ניט אנגעטאן קיין תפילין,

דערנאך איז דא אויך פארבונדן: אויב ס׳איז דא נאך איינער וואס קען זיין נשמע לרצוננו (לקולו) - איז די פעולה פון תפילין איז, שטייט אין שו"ע - לשעבד הלב והמוח.

און ווי מפרשים זיינען מבאר: דאס איז ניט א כוונה פון דער מצוה, און די מצוה קען זיין אן דערויף אויך, נאר וואס דען ס'איז געווען א מצוה בלא כוונה -

איז פונקט אזוי ווי בא מצות ציצית איז "וראיתם אותו וזכרתם" - איז דאס א חלק פון דער קיום המצוה, ווי דער ב"ח זאגט, און פארשטאנדיק פון דעם אלטן רבין'ס שו"ע און פון אחרונים און ראשונים,

עד"ז בא תפילין - דער שעבוד הלב והמוח איז דאס א חלק פון דער מצוה.

בשעת ער לייגט תפילין און די תפילין זיינען כשר'ע, איז נוסף אויף די כוונות וואס ער האט, כו"כ, דארף ער בשעת מעשה טאן, און אין דערויף באשטייט א חלק פון קיום המצוה - משעבד זיין דעם לב און דעם מוח.

וואס בשעת ער טוט אויס די תפילין קומט דאס אן ביגיעה גדולה, בשעת אבער "וקשרתם לאות על ידך" און "לטוטפות בין עיניך" - איז אט דאס העלפט אים צו, דעם אויבערשטן'ס א מצוה, אז ער זאל קענען טאן זיין חלק אין שעבוד הלב והמוח, און זיין לב און מוח איז משועבד צו דעם אויבערשטן.

בשעת אבער די תפילין זיינען פסול'ע - פעלט דער שעבוד הלב והמוח!

און בשעת עס פעלט שעבוד הלב. והמוח - איז רח"ל צו וואס מ'קען צוקומען!

ווי מ'האט דאס געזען בכמה ענינים, ווי דערמאנט פריער, און רח"ל וואס עס קען זיין שפעטער!

פארוואס רעדט מען וועגן דערויף בגלוי? צוויי טעמים בדבר:

ס'איז דא אזוינע וואס בא זיי איז לגמרי ניט פארשטאנדיק: ווי קען דאס זיין בימינו אלו, נאך דערויף וואס עס האט געטראפן מיט די זעקס מלאכן קדושים, נאך דערויף וואס מ'האט געזען צו וואס מחלוקת פירט, נאך דערויף וואס ס'איז געווארן שלום, נאך דערויף וואס אלע שטייען אין א תנועה פון "אתם נצבים גו' כולכם לפני ה' אלקיכם", פון "ראשיכם" ביז "שואב מימיך" -

זאל מען זיך פארלייגן, ולא ינוח ולא ישקוט: אפשר קען מען אריינברענגען אין נאך א אידן שנאת חינם!

וואס איז "שנאת חינם"? ווייסט מען דאס פון תורת הבעש"ט: ער טייטשט אפ אז "אהבת חינם" איז דאס - א איד וואס ער האט אים קיינמאל ניט געזען, און דער איד געפינט זיך מעבר לים, מיט אים ניט געהאט קיין שייכות, מ'האט אים אבער דערציילט אז ס'איז דא אזא איד - זאגט דער בעש"ט אז צו אזא אידן דארף זיין דער "ואהבת לרעך", און דאס דארף זיין "כמוך"!

דערפון איז פארשטאנדיק וואס הייסט "שנאת חינם".

נאר וואס דען - אזוי איז דאך דא דער שעבוד הלב והמוח וואס לאזט ניט צו,

בשעת אבער דאס איז פסול'ע תפילין - איז ניטא דער שעבוד הלב והמוח!

וואס דאס, אז מ'וועט רעדן וועגן דערויף און זאגן בגלוי, וועט דאס אראפנעמען די תמי', און מ'וועט ניט זיין אראפגעפאלן בא זיך: היתכן, נאך דערויף ווי מ'איז אויסגעשטאנען 19 הונדערט יאר פון גלות (און מערער) איבער שנאת חינם, און מסיבות שונות ומשונות, ניט נאר ע"י טבע הגלוי, נאר אמאל דורך חסדים מכוסים, דורך ענינים ווי א מלך (ווי דער אלטער רבי זאגט) וואס ער איז רוחץ צואת בנו יחידו מיט מים רותחין.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ובפרט נאך בדורנו זה, און מ׳האט געזען אז גוים, שונאי ישראל ימח שמם וזכרם האבן ניט געמאכט קיין חילוק צווישן איין אידן מיטן צווייטן: מ׳האט געזאגט בן אברהם יצחק ויעקב, בת שרה רבקה רחל ולאה, ווייס ער אז ער איז א שונא ישראל, דער נאצי ימ"ש וזכרו - האט ער מיט אים געטאן אט דאס וואס ער האט מיט אים געטאן!

האט דאס פועל געווען עכ"פ, דאס וואס מ׳מאנט בא דעם אויבערשטן היתכן וכו׳ - איז כל הטענות בתקפם עומדים!

ס׳איז דא אזוינע וואס זאגן "וצדקתך" (מיט א וא"ו), און דאס איז נאך זייער ווייניק, און געפינען תירוצים והסברות וכו׳.

ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט: מ׳דארף ניט צופיל מצדיק זיין דעם אויבערשטן כביכול, דער אויבערשטער וויל דאס ניט,

די גמ׳ זאגט אין יומא "מתוך שאמיתי הוא" דערפאר האט מען ניט געוואלט זאגן דעמאלט הגדול הגבור והנורא, ווארום עכו"ם רוקדים בהיכלו, און דאס איז געווען די וועג ווי מ׳דינט דעם אויבערשטן!

אבער לאחרי כל זה, איז ווערט דאך א פלא הכי גדול: צי איז ניט גענוג די יארן פון גלות איבער שנאת חינם ביז איצטער - דארף מען דערצו נאך מוסיף זיין, און מבטל זיין פון לימוד התורה עצמו, מבטל זיין פון לערנען תורה מיט זיינע תלמידים - און ארומלויפן און שרייבן און זוכן שלוחים, און שיקן שלוחים - איינפלאנצן אפשר וועט מען קענען פועל זיין נאך ביי אן אידן ער זאל פיינט האבן, רח"ל הילי"ת, א צווייטן אידן!!

ובהדגשה, ווי געזאגט, דער זה לעו"ז, אהבת ישראל איז צו א אידן וואס ער האט אים קיינמאל ניט געזען, דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך", דארף מען דאך מקיים זיין, ח"ו, את זה לעומת זה -

איז מען מהדר אז שנאת חינם זאל זיין צו אידן וואס געפינען זיך בקצוי תבל, מיט אים קיינמאל ניט געהאט צוטאן, וועט ניט האבן צוטאן, וכו׳ וכו׳!

מיט נאך כמה ענינים שאין הדעת סובלתם.

וואס דאס, כאמור, האט אריינגעבראכט א חלישות בא כו"כ. ואני הקטן בתוכם.

ביז וואנעט איך האב זיך געכאפט וואס דא טוט זיך: מ׳האט אנגעזאגט א אידן ער דארף אנטאן יעדער טאג (וואס ער איז ניט קיין שבת׳דיקער טאג און ניט קיין יו"ט׳דיקער טאג כולל חוה"מ בתוכם) דארף ער אנטאן אן ענין וואס דאס זאל משעבד זיין זיין לב און מוח,

לכאו׳: ער האט אפגעלעבט 119 יאר מיט שס"ד ימים, און האט אלעמאל מקיים געווען מצות תפילין, און די גמ׳ זאגט אז עברו רוב שנותיו ולא חטא איז ער שוין פארזיכערט,

זאגט מען אים, אז אין דעם 365׳סטן טאג, פון דער 120׳סטן יאר - זאגט דיר אן תורה, א מצוה מדאורייתא, אז דו זאלסט לייגן כשר׳ע תפילין.

און זאגט גלייך אן אז דאס איז די וועג וואס וועט משעבד זיין לב און מוח.

ניט א צווייטן - מ׳רעדט וועגן דעם מניח תפילין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק וואס עס ווערט אויפגעטאן אז די תפילין זיינען פסול'ע!

וואס דאס איז דער צווייטער טעם וואס מ'רעדט וועגן דערויף בגלוי: אזוי איז מען דאך ארומגערינגלט מיט כת חנפים און די אלע איבעריקע דריי כתות, וואס ס'איז דאך ידוע וואס די גמ' זאגט אויף זיי,

לאזט מען ניט צו אט דאס וואס מ'דארף צולאזן!

ובפרט נאך אז דאס זיינען אידן וואס האבן פארלארן דעם מושג וואס דאס הייסט ליב האבן א צווייטן!

זיי זיינען אזויפיל דורכגענומען אדער מיט שנאה אדער מיט מחלוקת, אדער מיט קוועטשן איינעם, אדער מיט צודריקן איינעם, אדער יורד לחיי חבירו, צונעמען ביי אים די פרנסה, ניט לאזן א צווייטן אידן ער זאל מוסיף זיין אין זיין משכורת, אדער צאלן אים די משכורת שהבטיחוהו,

און אריינרופן אים און זאגן: הער זיך איין נעם אראפ פון די משכורת!

במילא אז מ'האט ניט קיין מושג אין דעם - שטעלט מען זיך ניט פאר אז עס קען זיין א צווייטער איד וואס וועט וועלן באווארענען ער זאל אנהויבן דאווענען מיט כשר'ע תפילין!

אבער ס'קען דאך זיין יעדער טאג ווערט מען דאך א "ברי' חדשה", איז אפשר וועט זיין עפעס וואס א סיבה שונה ומשונה און מ'וועט זיך כאפן אז עס קען זיין אז מצד אהבת ישראל וויל מען באווארענען אז עס זאל ווערן כשר'ע תפילין - עכ"פ מכאן ולהבא,

און דערנאך זיך מתבונן זיין, אז קען זיין אז די אלע ענינים בלתי רצויים וואס זיינען געווען בעבר - איז דאס געקומען דערצו וואס ס'איז געווען פסול'ע תפילין, האט געפעלט שעבוד הלב והמוח,

נאר וואס דען - ס'איז געווען בשוגג, איך וועל ניט זאגן באונס - ס'איז ניט שייך באונס: עס שטייט אין מטה אפרים אז בכל שנה ושנה בחודש אלול דארף מען בודק זיין די תפילין.

דערפון איז פארשטאנדיק אז אויב מ'טוט דאס ניט - איז דאס ניט קיין אונס, אבער עכ"פ שוגג איז דאס,

במילא וועט מען זען מתקן זיין דעם עבר, מ'וועט באווארענען דעם עתיד, און דערנאך זאל זיין דער כפליים לתושי'.

און דערנאך די צווייטע נקודה: בשעת מ'וועט רעדן ברבים, דערנאך איז דאך אט די וואס זיי זיינען רודפי שלום,

מ'האט אמאל געזאגט בדרך הצחות: ער לאגט ארויס דעם שלום! נאר וואס דען, ער וויל דאך ניט מ'זאל אים אנרופן היפך פון אוהב ישראל - איז וואס זאגט ער אז ער זאגט זיך נאכן שלום - כדי עס זאל ווערן מער שלום, וואס איז זיין כוונה אמיתית - ער קען ניט ליידן אז ס'איז רואיק צווישן אידן! במילא זוכט ער וואו קען ער עפעס פאנאנדערפלאקערן א מחלוקת'ל, וואו קען ער צוגיסן א ביסעלע שמן כדי די מדורה זאל ווערן נאך גרעסער,

במילא איז ער מגזים, טוט פארקערט, אויף תלמידיו של אהרן שטייט אין אבות דר"נ אז ביי אהרן איז געווען דער סדר, אז בשעת ער האט געוואוסט אז איינער האט

גערעדט אויפן צווייטן **שלא** כדבעי, פלעגט ער אוועקגיין צו דעם צווייטן און זאגן: אזוי ווי דער צווייטער האט אויף דיר געזאגט דברים טובים, אשר לכן דארף דאך זיין כמים הפנים לפנים.

דאס הייסט ניט נאר ער איז ניט געגאנגען איבער׳חזר׳ן - ס׳איז געווען אן אמת, ער האט געזאגט דברים **בלתי** רצויים - האט ער זיך אויסגעהיט און האט אנגעזאגט זיינע תלמידים מ׳זאל ניט ארומגיין און הזר׳ן רייד וואס קענען ברענגען לידי מחלוקה, אפילו לידי העדר פון שלום, ניט מחלוקת - נאר דאס וועט שולל זיין שלום,

ביסט ניט מחוייב גיין פאנאנדערפויקן דעם ענין, אע״פ וואס דאס איז אמיתי - ווי באלד אז ס׳איז דא א חשד, עאכו״כ אויב עס איז מערער ווי א חשד - אז דאס וועט ניט אויפטאן **קירוב** הלבבות - נאר פארקערט!

בשעת אבער ביי אים פעלט אין **זיין** שעבוד הלב והמוח, כאטש ס׳איז כשר׳ע תפילין, אבער די בהירה איז דאך געבליבן ביי אים - קען ער זיך ניט איינהאלטן, און האלט אז ער איז דער שליח פון דעם אמת, וואס דארף ארומלויפן און איינרומן יענעם **בסוד** [מ׳האט דאך אים אנגעזאגט ער זאל דאס ניט טאן - זאגט ער ניט יענעם, און רעדט מיט אים אפ אין א תנאי כפול ומכופל אז ער דערציילט אים בסוד] אז פב״פ האט געזאגט כך וכך.

דערנאך דארף ער דאך מאכן די זאך נאכמער בא׳טעמ׳ט - איז מען מוסיף א קלייניקען פרט פון פארנט, א קלייניקן פרט פון אונטן, א קלייניקן פרט אין מיטן, בפרט נאך אז מ׳איז א מבולבל, מ׳הערט זיך ניט איין וואס מ׳האט אים געזאגט אויך -

קומט דערנאך ארויס אט דאס וואס מ׳זעט ווי עס קומט דערנאך ארויס!

בשעת מ׳וועט רעדן א זאך בפומבי, און מ׳זאגט אן בפירוש: מ׳זאל קיין זאך ניט מוסיף זיין בזה, ס׳איז גענוג דאס וואס איך האב געזאגט, ברוב צער ויגון -

איז אט דעמאלט דא א האפענונג אז מ׳וועט ניט העלפן די כת חנפים מיט די אנדערע דריי כתות וועלכע רינגלען ארום (יענעם אידן דעם אידן, א צווייטן אידן א דריטן אידן), און עס וועט סוכ״ס צו אים דערגיין, אדער צו **זיי** דערגיין דער ענין אז **זייי דאוונען אין תפילין פסולות.**

איז אט דעמאלט וועט מען בודק זיין די תפילין, און מ׳וועט זיי זיכער דערנאך פאריכטן.

צי מ׳וועט קומען עד כדי כך אז מ׳וועט דערנאך דערציילן בגלוי אז דברים שאמרתי לפניכם איז דאס געווען דערפאר וואס די תפילין זיינען געווען פסולות - אבער עכ״פ וועט דאס העלפן מכאן ולהבא: עס וועט צוקומען אין שעבוד הלב והמוח.

עס וועט נאך אלץ בלייבן די בחירה חפשית - אבער דעמאלט איז א סאך לייכטער, און צוזאמען דערמיט וואס מ׳געפינט זיך אין די לעצטע טעג פון גלות - אז די אהבת ישראל וואס יעדערער וועט מדגיש זיין בא זיך, וועט דאס פארפלייצן דעם חושך כפול ומכופל פון וועלט בכלל;

עס וועט פארפלייצן און מבטל זיין דעם ענין פון שנאת חינם;

עס וועט פארפלייצן און מבטל זיין דעם ענין פון שנאת ישראל - אפילו אז אים ווייזט זיך אויס אז ס׳איז דא א דבר וואס דארף דאס ברענגען, אפילו אז ס׳איז **טאקע** דא א דבר וואס דארף ברענגען צו היפך האהבה.

איז האט אנגעזאגט א משנה, און הכוונה בדבר משנה איז דער טעות קיין טעות ניט, הוי מתלמידיו של אהרן, און מ'איז מפרש אין הושבע"פ אז וואס איז דארט געווען דער ענין - אז ס'איז טאקע געווען א דבר וואס האט געדארפט ברענגען צו העדר פון קירוב הלבבות.

האט אהרן מקיים געווען דעם "מותר לשנות" אבי עס זאל קומען דערנאך צו "דרכי שלום", ביז צו שלום באמת, און דערנאך איז געווארן דערפון א הוראה בתורה, אז אזוי דארף זיין בא יעדער אידן - הוי מתלמידיו של אהרן.

און וועגן וועמען רעדט זיך - אהרן איז געווען דער כה"ג, הכי קדוש פון אלע אידן בזמנו - "ויבדל אהרן להקדישו" - איז ער דערנאך ממשיך - "**קודש קדשים**"! ניט סתם "להקדישו".

מיט וועמען האט אהרן זיך אפגעגעבן און פארנומען זיך - מיט אזוינע וואס ווערן אנגערופן בשם בריות, די איינציקע מעלה וואס זיי האבן - אז ס'איז דא אט דער וואס האט זיי באשאפן, און ער האט באשאפן אים ניט קיין צוויליטן, נוסף אויף דערויף וואס ער האט באשאפן נאך א גרויסע וועלט.

דערנאך איז דאך נאך דא די עצה הידועה אז מ'זאגט אז דאס איז דברים בטלים וכו' - איז דאס א ספק מן התורה: בשעת ס'איז דא א חשש אז תפילין זיינען כשר אדער תפילין זיינען פסול - איז דאס ניט א שאלה און א ספק אין אן ענין דרבנן, במילא איז "ספיקא לקולא", אדער מ'שארט דאס בכלל אפ -

דאס איז א ספק אין א מ"ע מה"ת, וואס אט דעמאלט איז דער דין אין שו"ע, פון ב"י, דער זלעבער וואס האט געשריבן די אלע ענינים וועגן וועלכע מ'האלט אין איין שטורעמען, אבער אעפ"כ האט ער זיך ניט געשעמט און דאס אויך אפגע'פסק'נט, ולפניו - דער רמב"ם, ולפניו - אין ש"ס וכל הפוסקים, אז ספיקא מה"ת **לחומרא**!

מוז מען בודק זיין, ווארום מ'האט מטיל ספק געווען בזה!

איז צוליב דערויף כדאי צונעמען צייט בא כו"כ אידן, וואס די צייט האט מען דאך געקענט פארנעמען מיט חזר'ן א מאמר פון תושבע"פ אדער אן ענין פון תושב"כ, כולי האי ואולי - אז מ'וועט מזרז זיין ביאת המשיח, דורך דערויף וואס מ'וועט אראפלייגן די שיריים דשיריים פון שנאת חינם, צוזאמען מיט די שיריים דשיריים פון שנאת ישראל בכלל.

און דאס איז מערניט אן ענין פון טלילה, און דערנאך דארף מען האבן ארייננברענגען אהבת ישראל, אנהויבנדיק פון אהבה התלוי' בדבר, און דערנאך, מן הקל אל הכבד (אויך פון לשון "כבוד" פון שווערקייט און כבוד), אהבה שאינה תלוי' בדבר.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און בשעת מ׳וועט האבן די אהבה ישראל, וואס דאס וועט מען זען בגלוי׳ אז ס׳איז אינגאנצן בטל געווארן די איינציקע סיבה (ווי די גמרא זאגט אין יומא) וואס עס האט געבראכט דעם חורבן פון בית שני, וואס "לא נתגלה", דערפאר וואס דאס איז אן ענין שלא בגלוי: קיינער וועט זיך ניט וואגן זאגן אז ער האט שנאת חנם; דאס איז "לא נתגלה" - ער מוז דאס באהאלטן!

דאס איז אבער עד כדי כך געווארן, אז ס׳איז גאר ניטא קיין אנדער פירוש,

נאר, כאמור: די "כת חנפין" וכו׳, איז בא זיי אויך ניטא קיין הגבלה וואוהין זיי קענען דערגרייכן, וויבאלד אז די גמרא זאגט אויף זיי "אינן רואין פני השכינה"! א זאך פון געטלעכקייט - זעען זיי ניט!

- מ׳זעט א וועלט, מ׳זעט א ספר, מ׳זעט א קונטרס, מ׳זעט א חידוש, אבער זען דארטן "פני השכינה", וויבאלד אז ער איז פון "כת חנפין" - איז "אינן רואין פני השכינה"!

ער זעט "שכינה" אויך! א מאמין, און ווייס אז דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט, און אז דער אויבערשטער געפינט זיך אין וועלט (ניט ווי גוים זאגן אז "רם על כל גוים הוי׳"), אבער "פני השכינה", אז דער אויבערשטער מיינט אים אליין, און ער מיינט אז ער אליין זאל זיך פירן ווי דער אויבערשטער וויל - אט דאס איז די תכלית הכוונה פון דעם אויבערשטן: "ויצונו ה׳ אלקינו לעשות את כל החוקים האלה ליראה את ה׳ אלקינו" - מורא-האבן פאר דעם אויבערשטן!

- א מורא כפשוטה! אט דאס איז דער ענין פון יראת ה׳. דא גייט ניט אן קיין רמזים וכו׳.

און ער גלויבט אז "מלא כל הארץ כבודו": ער איז עומד על גביו ומצדו און אין דעם זעלבן חדר, און "ויראת מאלקיך" טייטשט אפ דש"י בפשטות: אז א מענטשן קען מען איינרעדן, אז אדער דאס איז די כוונה אדער די צווייטע זאך איז די כוונה, אבער "ויראת מאלקיך" - "ה׳ יראה ללבב", זעט ער די אמת׳ע סיבה פארוואס מ׳זאגט ענין פלוני, פארוואס מ׳נוצט זיך מיט דבר פלוני, פארוואס מ׳טוט אט דעם און דעם ענין, וואס רח"ל מ׳וויל ארייננברייינגען הי׳ לא תהי׳ דעם ענין וואס איז היפך פון אהבה ישראל, וואס איז פארבונדן מיט אהבת התורה, פארבונדן מיט אהבת ה׳,

איי וואס ער האט פארלארן דעם הוש און געשמאק וואס איז דאס דער ענין פון אהבה, ווייס מערניט פון ענין פון קוועטשן, !ון ענין פון שרייען און פון ענין פון לוחץ זיין און דעם ענין פון שנאה -

איז גארניט, איז אויף דערויף איז דא די עצה, אז מ׳זאל זיך מתבונן זיין במעמדו ומצבו און טאן וואס ביי אים וועט אויסקומען!

און אז עס וועט ווערן כשר׳ע תפילין - וועט דעמולט ווערן שעבוד הלב והמוח, און דערנאך וועט דאס פועל זיין עס זאל זיין די אלע ענינים פארבונדן מיט "ובחרת בחיים" - זען אז אידן זאל לעבן צווישן זיך מתוך קירוב הלבבות, ניט מתוך - רח"ל - פון הפכו,

און אט דאס וועט מבטל זיין די "שיריים" פון די סיבה החורבן רח"ל און וועט אראפברייינגען די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס ילמד תורה את כל העם כולו! -

ס׳איז דאך א דבר פלא: ער וועט לערנען תורה מיט משה רבינו און



הנחה פרטית בלתי מוגה

מיט די אבות, וואס אזוי שטייט אין ספרים, און וועט לערנען תורה - "מקטנם ועד גדולם" - מיט א קטן שבישראל! ניט געהערט געווארן אזא זאך!

ס'איז דא מלמדי דרדקי, דערנאך איז דא מלמדי מקרא, מלמדי משנה, וויערעכנט זיי אויס אין מדרש בכמה מקומות, און דא זאגט מען, אז דוקא משיח וועט זיך פארנעמען מיט "אל תגעו במשיחי - אלו תינוקות של בית רבן" - קטנים ממש!

און צוזאמען דערמיט וועט ער אויך לערנען תורה מיט משה און מיט די אבות, כמבואר בארוכה און אויסגערעכנט בכמה ספרים.

וואס די הכנה לזה איז - דארף זיין פון דעם "הבשיל" ב"ערב שבת" טועם זיין,

און דאס איז ביכלהו של כל אחד ואחד.

וואס דאס איז דער "מאמר המוסגר", און מ'קען פארלירן דעם ענין וועגן וועלכן עס רעדט זיך, דעם געשמאקן ענין וועגן ענין פון תינוקות זכרים, אינגעלעך, און תינוקות פון מיידעלעך.

וואס ווי געדעדט פריער בנוגע ווי אזוי פון יעדער פרט שבפרט זאגט דער בעש"ט, און דערנאך דרוקט מען דאס אפ און מ'איז מפיץ, אז אין דערויף איז דא א הוראה אין עבודת [האדם] לבוראו,

און ווי מ'האט דאס געזען אין די "תהלוכות" פון ל"ג בעומר, וואס כאמור לעיל איז דאס פארבונדן מיט רשב"י, וואס האט אנגעזאגט אז מ'זאל זיין שמח בשמחתו, עאכו"כ - זיך ניט טשעפען מיט זיין שמחה!

איז אין די "תהלוכות" פון ל"ג בעומר האב איך א קוק-געטאן אויף די אינגעלעך און אויף די מיידעלעך - האב איך געזען אין א מספר רב שלהם, זיינען זיי געגאנגען מיט א "כתר" בראשם.

- אמת טאקע א כתר פון פאפיר, אבער מיט אלע-ערליי פארבן, און מיט א זאך וואס דער קינד איז געווען דערפון שמח, ווארום בשעת מעשה האט ער זיך פארגעשטעלט אז ער איז א מולך אין די קבוצה שלו, חבורה שלו וכו',

און דאס האט אים צוגעגעבן, בשעת ער האט דערנאך געשריען "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד" - האט ער דערנאך געהייסן זיין גאנצע קבוצה, זיין גאנצע חבורה, אדער די מיידעלע האט געהייסן איר גאנצע קבוצה-חבורה, אז זיי זאלן נאכשרייען נאך איר "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד"! ועד"ז די שאר כתובים, אדער מאמרי רז"ל, אדער דער ענין וואס זיי זיינען פארבונדן מיט יהדות בכלל.

ביז וואנענט איך האב זיך געכאפט: וואס איז אין דערויף די הוראה? אז אין די קינדער זעט מען ווי אזוי "כל ישראל מלכים הם".

נאר וואס דען, אז מ'וועט דאס זאגן אן ערוואקסענעם - קען דאס ביי אים פועל זיין אז ער וועט זיך וועלן איינרעדן אז ער דארף זיין מולך בפשטות על כל סביבהו, וועט ער אנהויבן ארומגיין און געבן גזירות און אלע זאלן אים משמש זיין וכו';

ביי א קינד איז ניטא דער חשש, קען מען אים אנטאן א כתר -- ניט יעדערער קען זיך פארגינען א כתר של כסף וזהב ואבנים טובות ויקרות, איז אין דעם מעמד ומצב ב"עולמו" פון א קינד, און בנוגע צו אט די שעות וואס ער טראגט דעם כתר - איז ער דער מיוחס און דער מיוחד אין דער

גאנצער חבורה, און ער דארף מיט זיי אנפירן,

און דאס איז פארבונדן מיט א טאג וואס דאס איז ל"ג בעומר - שמחתו של רשב"י, וואס די גמרא זאגט אויף אים אז דאס איז "צדיק יסוד עולם"!

און אט דא נעמט מען ארויס די הוראה, אז מ'דארף זיך אויסהיטן טאקע, אז דאס זאל ניט גורם זיין ח"ו צו אן עניו וואס דאס איז היפך הביטול, אע"פ וואס ער ווייס אז תורת אמת זאגט אים אז "כל ישראל מלכים הם" (נוסף אויף דערויף וואס ער זאגט אין מסכתא שבת, אז "בני מלכים הם"),

קומען צוגיין קינדער און שטעלן זיך אפ פאר זייערע עלטערן און באווייזן זיי, אז ער איז א קליין אידישער קינד, און געפינט זיך אין א גרויסער שטאט, וואס דארט זיינען אידן א מיעוט בין הרבים, און אין זיין גאס אדער אין זיין שכונה וכו' איז ער אויך א מיעוט בין הרבים, אעפ"כ, אז ס'איז פארבונדן מיט רשב"י, און ס'איז פארבונדן מיט יום שמחתו - וויל ער זיין פריילעך, האט אים דער מדריך אדער די מדריכה אדער אביו ואמו מוסיף געווען בשמחתו - דורך דערויף וואס מ'האט אים אויסגעקליבן אז ער זאל זיין דער מנהיג, אדער די מיידעלע, בקבוצה שלו בכתה שלו ובחבורה שלו,

און מ'זאגט אים, אז אויף דעם טאג, און אין צוזאמענהאנג מיט א תהלוכה וואס איז פארבונדן מיט רשב"י, וואס ער איז געווען "תורתו אומנתו", און ער איז געווען איינער פון די ערשטע תנאים, און ער איז געווען דער וואס פון אים לערנט מען תורה עד היום הזה - איז אט דעמולט זאלסטו וויסן זיין, אז דו ביסט א מנהיג און דער מולך אין דיין קבוצה,

במילא דארפסטו שרייען העכער נאך ווי זיי שרייען די אלע מאמרי ופסוקי חז"ל און אנדערע כיו"ב,

ובפרט ובמיוחד "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד".

וואס איז דערפון די הוראה? אז לכאורה איז דאך דאס א פרט שבפרט, און געדויערט מערניט ווי א מספר רגעים מסויים (צי א האלבע שעה צי א שעה צי עטלעכע שעה), איז אט דאס גיט א התעוררות און א נתינת כח,

ובמכ"ש וק"ו: אז מה-דאך א קינד וואס ער האט נאך ניט געזען השגחה פרטית, די ניסי ה' בגלוי, אדער ער האט זיי געזען, אבער ער ווייס נאך ניט, קלייבט זיך ניט פאנאנדער דעם גודל הנס אדער גודל ההשגחה פרטית, און דער גודל היוקר וואס איז דא אין לימוד התורה וקיום המצוות;

אט דער וואס האט געזען השגחה פרטית,

ובפרט בעלי עסקים, וואס ווי חסידות איז מבאר בכמה מקומות אז השגחה פרטית זעען בעלי עסקים מערער וויפל דאס זעען יושבי אוהל,

בפרט נאך אז ער האט געזען בחייו כפשוטם געזען נסים גלויים, און ער האט געלערנט וועגן יוקר התורה און יוקר המצוות, און ווי אזוי מ'דארף מהדר זיין, און אז דורך דערויף ווערט ער "צוותא וחיבור" מיטן אויבערשטן -

דארף ער וויסן זיין, אז ער איז א מלך על כל העולם כולו!

ער האט געלערנט בלאה"כ אז חייב אדם לומר "בשבילי נברא העולם",

אבער, כמדובר, צווישן דעם לערנען און דערנאך מיטן אפ'פסק'ענען לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכהא, און דערנאך פסק'ענען א דין, יעוד, והוא העיקר: אז ער זאל דאס נוצן אין זיין טאג-טעגלעכן לעבן אין א וואכעדיקן טאג, אין א פעולה וואס לעיני בשר איז דאס א וואכעדיקע פעולה, אכילתו ושתיתו וכיו"ב - איז דאס א מרחק וואס מ'דארף אים אריבערשפרינגען, ווארום יעדער רגע איז טייער,

איז בשעת עס קומט צוגיין א המון קינדער, כן ירבו, און א חלק גדול מהם גייט אין כתרים, און מ'זעט אז דער קינד באטראכט דאס ווי א כתר כפשוטו, בנוגע צו זיין חבורה און צו זיין קבוצה -

גיט ער זיך א כאפ, אז "למה עשה ה' ככה" - ווי קומט דאס אז מ'האט דאס אים באוויזן; וואס וועט דאס אים ברייינגען נוצן?

איז דער נוצן איז כפשוטו, אז במכ"ש וק"ו: ער איז דער מלך על כל העולם כולו, און נאכמערער - ס'איז בשבילו נברא. נאר וואס דען - ער דארף דאס אויסנוצן ווי רשב"י האט געוואלט; ווי עס האט געוואלט דער רבי פון רשב"י - רבי עקיבא, וואס "כולהו אליבא דר"ע", אט דאס איז גאנץ תושבע"פ,

און בשעת ער וועט מחליט זיין, ובפרט נאך אין אן עת רצון און אין א זמן רצון, אין א מקום קדוש וכו' - האט מען די הבטחה, אז "יגעת" איז א זיכערע זאך "ומצאת", ניט נאר לפי ערך היגיעה, נאר אויך אין אן אופן פון "מציאה", וואס דאס איז למעלה פון דער יגיעה; ניט נאר שכר היגיעה, נאר אין אן אופן וואס עס וועט ווערט אנגערופן בשם "מציאה",

און דאס וועט אראפגעבראכט ווערן בפועל אין "המעשה הוא העיקר",

און דערנאך ווערט דעמולט דער "מחצתי ואני ארפא", ווי ער איז מבאר בארוכה אין דעם המשך פון "והחרים", אז ס'איז דא די "מחיצה" צווישן נגלה דתורה און פנימיות התורה, דערנאך איז דא "מחצתי ואני ארפא", און דאס האט געטאן רשב"י: מגלה געווען אז מ'האט געלערנט בפועל פנימיות התורה (נסתר דתורה) בגלוי,

ביז כאמור אז ס'איז דערגאנגען און ס'האט דורכגענומען, ס'האט גע'פועל'ט בפועל בנוגע צו "רביי דעלמא",

און דאס ווערט פארבונדן, אז דורך "יפוצו מעינותיך חוצה" - מ'איז מבטל די "מחיצה", וועדט דעמולט אויך דער ענין פון "מחצתי ואני ארפא" בנוגע צו דעם גלות און דער גאולה,

וואס דעמולט וועט דאך זיין, אז כאטש אפילו בתחילה וועט זיין א "פסח" וכו', איז דערנאך איז מיד הן נרפאים, בדוגמא ווי ס'איז געווען בשעת מתן תורה,

און דאס ברענגט דער "אתי מר" דא מלכא משיחא, ובקרוב ממש, במהרה בימינו ממש, ובעגלא דידן.

* * *

ד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה בשעה שהקדימו ישראל נעשה לנשמע כו'.

* * *



הנחה פרטית בלתי מוגה

ה. ווײַבאַלד אַז מ'האָט געערעדט וועגן כתרים, ובפרט וועגן כתרים וואָס מ'האָט טאַקע געטאָן כאילו בדרך פון אַ שחוק און אַ עידוד פאַר קינדער - אָבער דאָס איז דאָך אויך געטאָן געוואָרן דורך ערוואַקסענע, און דאָס איז געוואָרן אַ חלק פון פעולות, און האָט געבראַכט צו פעולות, וואָס האָבן די קינדער מחזק געווען זייער פאַרבונדנקייט מיט קיום המצוות און מיט לימוד התורה,

כל אחד ואחת טאַקע "לפום שיעורא דילי'", אָבער ס'איז דאָך "מצוה גוררת מצוה" - קען מען דאָך ניט אָפּשאַצן וואוהין ס'וועט ברענגען אָט די התעוררות, אפילו אַז לעיני בשר איז דאָס געווען ביום מסויים ומפני פעולות מסויימות; דאָס רעדט זיך אָבער וועגן אַ אידישער נשמה, און ווי דער אַלטער רבי איז מבאר בארוכה אין תניא פרק לב, אַז די נשמות איז "מי יודע מעלתן" און "כוללן מתאימות וכו'", מיט דער גאַנצער אריכות הביאור דאָרטן,

בפרט נאָך אַז מ'האָט די הבטחה, אַז "הקב"ה עוזרו",

ובמיוחד נאָך, אַז דערנאָך איז די מדריכים און מדריכות און מורים און מורות וועלן נאָך ממשיך זײַן ברוח זה ובכיוון זה -

קען דאָך דאָס ברענגען ביז צו תכלית השלימות, אע"פ וואָס ס'איז געווען "ראשיתך מצער" - מיט לכאורה אַ פּרט קטן, מיט אַן ענין של שחוק, דאָס איז אָבער געווען אין אַ יום זכאי, פאַרבונדן מיט שמחתו של רשב"י, וואָס דאָס איז, ווי ער זאָגט אין משנת חסידים, ווערט דערפון דערנאָך בא יעדער אידן און ביי אַלע אידן אַ שמחה גדולה.

ובפרט נאָך אַז דערנאָך קומט מען אַרײַן אין חודש השלישי, אין "ירחא תליתאי", און אין דעם חודש השלישי - אין אַ יום השלישי שהוכפל בו כי טוב, וואָס דאָס איז אין היינטיקן יאָר די קביעות פון ערב חג השבועות,

און דאָס קומט נאָך נאָך "ויחן שם ישראל", "כאיש אחד בלב אחד", ווי דערמאָנט פריער דעם ענין פון אהבת ישראל קען אין דערויף זײַן כמה דרגות, ביז די תכלית השלימות אין דערויף, אַז דאָס איז ניט "לרעך", נאָר ער ווערט "כאיש אחד", ביז וואַנענט אַז עס ווערט "בלב אחד",

- עס שטייט ניט "כלב אחד"; שטייט "כאיש אחד", און דערנאָך זאָגט מען "בלב אחד", אַז דער לב פון יעדער אידן פאַראייניקט זיך מיט דעם לב פון אַ צווייטן אידן און פון לבם פון כל אחד ואחת מבני ישראל,

ביז וואַנענט אַז פון "כאיש אחד", מיט אַ כ"ף בראשו - קומט דערנאָך אַרויס אַז עס ווערט אַ "לב אחד", אַן אַ כ"ף בראשו: "בלב אחד",

און "ליבא פליג לכולא שייפין" - דאָס פירט דער נאָך אַן מיט אַלע איברים, מיט אַלע פרטים ופרטי-פרטים.

וואָס דערפאַר האָט מען דאָך אויך מציע געווען, אַז מ'זאָל ממשיך זײַן די התעוררות פון ל"ג בעומר, פון "יום שמחתו" - דערנאָך אין די ימים שלאח"ז,

ובמיוחד ערב ראש חודש השלישי, און דערנאָך ר"ח השלישי, און די ימים שלאח"ז, בפרט נאָך אין ימי הגבלה, און אין ימי הגבלה גופא - אין דעם טאָג פון ערב מ"ת, וואָס דעמולט איז דער טאָג פון הקדמה נעשה לנשמע, כמדובר לעיל, מיט אַלע פרטים שבדבר נאָכמערער ווי זיי זײַנען דאָ אין מאמרי רבותינו נשיאינו,



הנחה פרטית [illegible]

ובפרט נאך אז בשנה זו איז, כאמור, איז דאס אין אן אופן פון "טוב לשמים" "טוב לבריות",

און ווי גערעדט כמ"פ בארוכה: דאס איז ניט דער פשט, אז א טייל פון דעם טאג גיט ער אפ "לשמים", א טייל "לשמים", און א טייל פון טאג גיט ער אפ פאר "טוב לבריות",

נאר אויף יעדער רגע פון דעם טאג, אז מ'פרעגט: וואס איז דאס א רגע פון וועלכן טאג איז דאס? זאגט מען, אז דאס איז א רגע פון א מעמד ומצב פון א טוב כפול, "טוב לשמים" און "טוב לבריות".

וואס דאס איז דאך די הכנה צו מתן תורה.

וכמדובר, מ'דארף דאך מסביר זיין, ביז וואנענט אז קטנים וקטנות כפשוטם זאל מען זיי דאס אויך קענען מסביר זיין,

וואס נוסף וואס זיכער האט דאך יעדער מדריך ומדריכה און מורה ומורה אותיות ווי אזוי דאס צו מסביר זיין, און האט שוין מסביר געווען וויבאלד אבער אז מ'געפינט זיך אין א מקום בית הכנסת ובית המדרש, און איך אן עת רצון ובמעמד כמה עשיריות מישראל - קען מען דאך מוסיף זיין אויך א נופך משלו, על מנת אז יעדערער זאל דאס דערנאך נוצן ווי ביי אים וועט אויסקומען, ווען ביי אים וועט אויסקומען, מתחיל פון דעם טאג פון ערב חג השבועות און אין די ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט חג השבועות, וואס דאס איז דער "ערב" פון די ענינים.

וואס דאס איז דא די צווייי ענינים, בדוגמא ווי גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות מיט קינדער: דער ענין פון "מודה אני לפניך", עד"ז איז דא ענינים מיוחדים, אן ענין מיוחד במיוחד וואס איז פארבונדן מיט ערב חג השבועות,

וואס דאס איז דער ענין פון הדלקת נרות יו"ט.

וואס דאס איז, כמדובר כמ"פ, ע"פ שו"ע בכל הזמנים, עאכו"כ - בזמנינו זה, וואס "החושך יכסה ארץ", און חושך כפול ומכופל פון דעם גלות,

ביז וואנענט אז דאס קומט אויך ארויס בפועל, אז ס'איז דא דח"ל אידישער הייזער וואס ביז מיט א צייט צוריק איז די אשה נשואה שבבית, האט ניט אנגעצונדן נרות יו"ט, אדער נרות שבת, אדער אנגעצונדן ניט מיט ברכה המתאימה - מצד דערויף וואס ס'איז געווען א תינוק אדער תינוקת שנשבה לבין אומות העולם -

איז א מצוה גדולה און א מצוה וואס זי ברענגט אראפ אור אין דער גאנצער הויז, אז בנות הכי קטנות זאלן אנהויבן צינדן נרות שבת ויו"ט בכל ערב שבת ובכל יו"ט,

באווארענען אז זיי זאלן צינדן פאר דער מוטער, ווי גערעדט כמ"פ בארוכה די אלע מעלות וואס דאס האט אין זיך, אנהויבנדיק לכל לראש, וואס דעמולט די מוטער האט נאך ניט געצונדן נרות שבת - קען זי פאר-ריכטן אדער באווארענען אדער איבערשטעלן דעם לייכטערל וכיו"ב, וואס זי קען דאס ניט טאן אויב זי וועט פריער בענטשן ליכט,

נוסף אויף אויף דעם ענין, אז דעמולט איז נאכמער בפשטות, אז די בת קען מאכן די ברכה, וויבאלד אז די מוטער האט נאך ניט מאיר געווען את הבית בנר של שבת.

אט דא קומט נאך צו די הכנה מיוחדה אין נרות יו"ט פארבונדן מיט



הנחה פרטית בלתי מוגה

שבועות. וואס לכל לראש א דבר הבולט ומודגש, אז דאס קומט מיט ברכת "שהחיינו",

און מ׳פארטייטשט דאס דער מיידעלע וואס צינדט-אן די ליכטל, אז דאס איז דער אפטייטש (און דאס זאגט אזוי תורת אמת - דערפאר וואס דאס איז דער אמת אזוי), אז זי בענטשט דעם אויבערשטן און דאנקט דעם אויבערשטן וואס האט איר געגעבן לעבן, און וואס ער האט איר געבראכט צו דעם מעמד ומצב, און וואס ער האט איר אויפגעהאלטן אז זי זאל קענען מקיים זיין דעם אויבערשטנ׳ס א מצוה,

און וואס פאר א מצוה האט מען איר אפגעגעבן בידה, און איר פאר-טרויט, וכאמור - פון איר הויבט זיך אן די ליכטיקייט, די יו"ט׳דיקע ליכטיקייט, עד"ז די שבת׳דיקע ליכטיקייט בא נרות שבת - אזא מצוה וואס זי מאכט ליכטיק ניט נאר ברוחניות, וואס דאס ווערט דאך דורך יעדער "נר מצוה ותורה אור", נאר אויך בגשמיות,

ביז וואנענט - "שלא יכשל בעץ ובאבן" ניט נאר די נשמה נאר אויך דער גוף כפשוטו,

ביז וואנענט אז ס׳איז אזא ליכטיקייט אז "וראו כל עמי הארץ כי שם ה׳ נקרא עליך": יעדערער, אפילו ניט קיין איד, אז ער דערזעט דורכן פענצטער אז עס שטייט א קליינע מיידעלע און צינדט-אן א ליכטל, און ער זעט אז די שאקלט זיך, און מיט די הענט דעקט זי צו די אויגן, און מאכט עפעס מיט די ליפן, און דערנאך ווערט ליכטיקייט אין הויז, פרעגט ער זיך נאך: וואס איז דאס? זאגט מען אים, אז "ישנו עם אחד", וואס ער איז טאקע "מפוזר ומפורד בין העמים", און איר קענט זיך דא איינרעדן אז ער איז "מפוזר ומפורד" און אז ער איז "בין העמים", מיט אלע תוצאות וואס קומט דערפון ארויס -

זאלט איר וויסן זיין, אז ניט ח"ו "ישנו מן המצות", נאר "דתיהם שונות מכל עם"!

און אז עס קומט אן ערב יו"ט, איז נוסף אויף דערויף וואס די העלפט דער מוטער אדער איר עלטערער שוועסטער אויף צוגרייטן אז די הויז זאל זיין "יו"ט׳דיק - טוט זי א מצוה בפועל, און זי מאכט א ברכת המצוות: "אשר קדשנו במצוותיו וצונו להדליק",

און דערנאך דריקט זי אוים דעם "שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה" - אז זי פילט די שמחה, וואס דעמולט מאכט מען דאך די |ברכת| "שהחיינו" (וכמבואר בפוסקים ווען מ׳קען מאכן |ברכת| "שהחיינו"),

און זאגט דאס, און זי זעט אז אלע ארום איר: איר מוטער און איר פאטער און איר עלטערע שוועסטער און אירע ברידער, נאך דערויף ווי זי פארענדיקט די ברכה - ענטפערן אלע "אמן"! זי האט געמאכט די ברכה, און די גאנצע הויז גייט איר נאך און זאגט אן ענין וואס הילכט-אפ אין דער הויז, און דערנאך ווערט דאס פארשפרייט בכל מקום שתורה ומצוות מגיעים, אז די מיידעלע האט אראפגעבראכט אן "אמן" נוספת בכל העולם כולו און אין גאנץ סדר ההשתלשלות!

וואס כדי מ׳זאל קענען אנצינדן די ליכט אז עס קומט דער זמן פון ערב יו"ט - איז דאך דאס דער זמן פון נר יו"ט אויך מן המובחר, אע"פ וואס מ׳קען דאס טאן ביו"ט עצמו, אבער מן המובחר און "מנהג ישראל תורה הוא" אז מ׳צינדט דאס אן פונקט ווי א נר פון שבת - דוקא בערב שבת, אזוי איז אויך אין דעם נר פון יו"ט ראשון (משא"כ אין דעם נר פון יו"ט



הנחה פרטית בלתי מוגה

שני אין חו"ל, אבער מ'רעדט דאך וועגן נר של יו"ט ראשון לכל לראש),

איז מען מסביר דער מיידעלע פון אנהויבס פון יום ערב חג השבועות אז איצטער גרייט זי זיך צו ווערן די אנפירערין, אז זי וועט זיין די ערשטע וואס וועט באלייכטן די גאנצע הויז מיט אידישקייט, דורך דער וואס זי וועט מקיים זיין איר מצוה, וואס דער אויבערשטער האט איר אנ-פארטרויט, און זי איז די ערשטע וואס ברענגט דאס אריין אין דער גאנצער הויז,

וכאמור - מיט א ברכת "שהחיינו", ולפנ"ז - אז אלע וואס געפינען זיך אין הויז ענטפערן אויף איר ברכה "אמן", און דאס הילכט-אפ בכל סדר ההשתלשלות כמדובר, און נאך דערויף מאכט זי נאך א צווייטע ברכה, "שהחיינו", און עס הילכט ווייטער אפ דער עניין פון דעם "אמן", מיט אמירת "אמן", מיט חיות וואס איז דא אין דעם "אמן", ביז "וחי בהם", כתורת הה"מ,

ביז, כאמור, אז דער אויבערשטער אליין ענטפערט אויך "אמן" אויף יעדער ברכה וואס א איד מאכט: "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל" - אויך דער עניין פון אמירת "אמן", כולל אויך אט די ברכות וואס עס מאכט א אידישע קליינע מיידעלע בבית פלוני בזמן פלוני, וואס דאס איז אן עת רצון, און אין א הויז אויף וועלכע דער אויבערשטער זאגט "ושכנתי בתוכם".

וואס עד"ז איז אויך דא בנוסף אויף דעם עניין פון "מודה אני", וואס דאס איז דאך בשוה צו קטנים וקטנות, און דאס איז די התחלה פון כל יום, ניט דוקא יום שבת ויו"ט, נאר כל יום חול הויבט זיך אן ביי אן אידיש קינד מיט אמירת "מודה אני", כמדובר באדוכה אין דער התוועדות מיט די קינדער לפנ"ז,

איז פונקט אזוי ווי ס'איז אויסגעטיילט די בנות ישראל, אידישע קליינע מיידעלעך, בנוגע צו הדלקת נרות יו"ט - עד"ז איז אויך וואס עס זיינען אויסגעטיילט די בני ישראל, אידישע קליינע אינגעלעך, מיט דעם עניין פון א טלית קטן.

וואס דאס איז דאך, כמדובר ומפורסם ע"י נשיא דורינו דער רבי דער שווער, אז גלייך ווען ער ווערט בן שלש שנים, איז מען אים מחנך מיטן עניין פון "נשיאת טלית קטן",

און שרייבט דארט דעם לשון "נשיאת" - בדוגמא ווי דער דיוק איז אין "נשא את ראש בני ישראל לגולגלותם": ס'איז דאך דא כמה לשונות - לבישת טלית קטן וכיו"ב;

טרגא ער, און אין אן אופן אז דאס ווערט אנגערופן בשם "נשא", אז ער טראגט א טלית-קטן.

און מ'איז אים מסביר, אז אין א טלית קטן איז דא פיר ציצית, וואס דארט איז דא די שמונה חוטים, וואס ער ציילט זיי איבער, און דער-נאך זעט ער אז ס'איז דא פינף קשרים,

און דערנאך איז מען אים מסביר וואס רש"י לערנט מיט א "בן חמש למקרא", וואס דעמולט לערנט מען דאס פון פירוש רש"י, און א מחנך און א מחנכת אמיתיים - דערציילן דאך כמה ענינים פון תושב"כ און הושבע"פ, כולל אויך כמה ענינים פון פירוש רש"י - נאך איידער דער קינד לערנט די פרשה שלה, אדער עד"ז אן אנדער עניין בפירוש רש"י, נאך ווען דער קינד געפינט זיך נאך אין קינדער-גארטן, "כשמתחיל לדבר",



הנחה פרטית בלתי מוגה

ביז וואנענט אז מ'איז אים אויך מהנך בזה בכמה ענינים - נאך לפני שמתחיל לדבר, כמדובר לעיל בארוכה,

און ער זעט א טלית-קטן, און מאכט אויף דערויף א ברכה, און די אלע וואס שטייען סביבו, אפילו אז דאס איז דער גדול שבישראל, עד"ז אביו ואמו וכל שמסביבו, ענטפערן אמן נאך זיין ברכה ווען ער טוט-און דעם טלית-קטן,

און ער איז זיי דערנאך מסביר, אז ער האט געהערט פון זיין מדריך, אדער פון מיין מדריכה, אז דאס איז ניט סתם אזוי א לבוש ע"ד פון זיינע אנדערע לבושים; דאס איז א אידישער לבוש, און וואס דער אויבערשטער האט אויף דערויף אנגעזאגט בתורתו וואס ווערט אנגערופן תורת חיים,

און וואס "תורת חיים", איז אמת טאקע ער לערנט דאס פון זיין מלמד אדער פון זיין מלמדת - אבער זיי לערנען אים אט דעם ענין וואס ער איז אויף דערויף א בעה"ב, ווארום ער האט אפגע'ירש'נט די גאנצע תורה, צוזאמען מיט פרשת שלח! צוזאמען מיט תושבע"פ - דעם מדרש וואס רש"י ברענגט אים אראפ אין שלח,

אז וואס איז דער ענין פון ציצית, אז דאס איז "וזכרתם את כל מצוות", איז דאס ניט נאר אז מ'פארבינדט צוויי זאכן וואס מ'דארף זוכן וואו איז דא די שייכות - נאר אז מ'וועט דאס ציילן בעיני בשר וביד בשר - וועט ער איבערציילן אז ס'איז דא שמונה חוטים וחמשה קשרים, און אז דאס ווערט אנגערופן "ציצית" וואס דאס איז ת"ר, וואס אלעס צוזאמען איז דאס ת' ר' י' ג' מצוות! וואס "לא תוסיף ולא תגרע".

און בשעת די מיידעלע האט "קנאת סופרים" און טענה'ט: היתכן וואס ער טראגט א טלית-קטן און זי ניט -

ענטפערט ער איר גלייך: אדרבא, אט וועסטו באלד זען, אז דו וועסט מאכן אזא מצוה און דו וועסט מאכן ליכטיק פאר דיין ברודער, און נאכ-מערער - פאר דיין פאטער און פאר דיין זיידן און פאר דיינע פעטער'ס וכו' - וועסטו מאכן ליכטיק אט די הויז'דורך דערויף וואס דו ווערסט די שליחה, די וואס דער אויבערשטער האט דיר אויסגעקליבן און געשיקט, אז דו זאלסט מאכן פון דער הויז - א הויז וואס "ושכנתי בתוכם",

און דו קענסט דאס טאן אויף א בעסטן אופן און אין א גוטן אופן און אין א ליכטיקן אופן - דורך דערויף וואס דו וועסט אנצינדן ערב יו"ט שבועות, און פריער מאכן א ברכה,

און מה טוב, ווי גערעדט כמ"פ, מ'זאל בלי-נדר צוגעוואוינען אויך קינדער צו נתינת צדקה בכלל, ובפרט נתינת צדקה אין זמנים מיוחדים, כולל אויך - ווען זי גרייט זיך צו מקיים זיין א מצוה וואס דער אויבערשטער האט איר פארטרויט - גיט זי אויך א צדקה צו איינעם וואס נויטיקט זיך בגשמיות, פונקט ווי דער אויבערשטער האט איר געגעבן א "צדקה" און האט איר געמאכט פאר א שליחה אויף מקיים-זיין זיין רצון דורך דער מצוה פון הדלקת נרות יו"ט, ועד"ז אין די הנהגה כללית במשך כל היום כולו,

און סיי בא די אינגעלעך און סיי בא די מיידעלעך -

ווערט דאס אויך א הכנה קרובה און א הקדמה קרובה און א כלי אויף מקבל זיין דערנאך די תורה בשמחה ובפנימיות,

אנהויבנדיק פון הערן קריאת עשרת-הדברות אין א מקום קדוש און



הנחה פרטית בלתי מוגה

אין א זמן קדוש, ובברכה לפני' ולאחרי', און הערן דאס "באימה וביראה וברתה ובזיעה", בא יעדער קינד לפום שיעורא דילי', לפום מעמדו ומצבו,

ואדרבא - "הם" זיינען זיי וועלן פועל זיין אויף ברענגען תחילה: אלע עלטערן און יעדערן פון די עלטערן, מיט די זיידעס מיט די באבעס, און מ'זאל הערן קריאת התורה בכלל, און עשרת הדברות במיוחד,

וואס דאס איז דאך כולל כל התורה כולה, ווערט דערנאך דער מעמד ומצב בשעת קריאת עשרת הדברות - א "כלל" פון וועלכן מ'נעמט ארויס די הנהגה בשעת קריאת ושמיעת התורה במשך כל השנה כולה, ווי אזוי מ'דארף זיך דעמולט פירן,

און אט דעמולט האט מען דעם "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם", און דאס קומט צוזאמען, ובקרוב ממש,

אז עס קומט צוגיין אליהו הנביא כפשוטו, און זאגט-אן, כפשוטו, אים פשוט'ע ווערטער, "מבשר ואומר" אז "הנה זה בא", אז עס קומט משיח צדקנו,

און "ואתם תלוקטו לאחד אחד": דער אויבערשטער נעמט יעדער אידישן קינד פאר דער הענטל, און נעמט יעדער אידישן ערוואקסענעם פאר דער האנט און גייט מיט זיי צוזאמען,

וואס ביז דעמולט איז "שכינתא בגלותא", ווי רשב"י איז מדגיש אז דאס איז ביז דעם לעצטן רגע פון גלות געפינט זיך די שכינה אין גלות מיט יעדער אידן,

און גייט דערנאך ארויס, ניט אין דעם אופן וואס "וה' בראשם", וואס דאס ווערט שפעטער, נאר "ושב את שבותך" - צוזאמען מיט יעדער אידן, בדוגמא ווי מ'האלט כביכול א "רעך" בידו מיט דער האנט (און מיט דער הענטל בנוגע צו קליינע און קליינע),

און מ'גייט אלע צוזאמען בגאולה האמיתית והשלימה, ובמהרה בימינו ממש,

אין ארץ הקודש, "אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה",

גייען-מיט יעדער איד און אלע אידן, ביז קטנים שבקטנים, יעדע אידישע מיידעלע און יעדער אידישער אינגעלע,

און זיי נעמען מיט זיך מיט די אלע מצוות וואס זיי האבן מקיים געווען, אין חוץ-לארץ נאך זייענדיק, בדוגמא ווי די גמרא זאגט "עתידין בתי כנסיות ובתי מדרשות שבחו"ל" אז מ'וועט זיי אריבערפלאנצן אין ארץ הקודש,

נעמט מען מיט די גאנצקייט פון תורה און מצוות, צוזאמען מיט דער גאנצקייט פון דעם אידישן פאלק, און מ'ברענגט זיי אריין אין אן ארץ טובה ורחבה, ווארום דאס איז אן ארץ שלימה, לגבולותי', וואס קיינער קען דאס ניט אנרירן,

און עס ווערט דעמולט דער "קץ שם לחושך", די ענדע פון דעם גלות ע"י משיח צדקנו בגאולתו על ידו,

וואס נאך דעם "קץ שם לחושך" דורך משיח'ן - ווערט דערנאך די אתחלתא דגאולה, און די גאולה בפועל: "הרי זה ודאי משיח",



הנחה פרטית בלתי מוגה

ויבנה בית המקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל, "והיתה לה' המלוכה", במהרה בימינו ממש.

* * *

ו. מ'דארף דאך אלעמאל מסיים זיין אז מ'זאל מיטנעמען אן ענין בנוגע לפועל ממש -

איז דער סיכום פון כל המדובר לעיל בנוגע צו א מעשה, וואס "מעשה הוא העיקר", אז אזוי ווי ס'איז דאך נאך געבליבן כמה שעות ביז זמן מתן תורתנו פון ששה בסיון,

אפילו אין די ערטער וואס מ'הערט דאס ע"י כמה מכשירים וכו' - איז נאך אויך דא כמה שעות,

- זאל מען דאס אויסנוצן אין דעם המשך אין די פעולות וואס מ'האט געטאן ביז איצטער, טובות בכלל, ובפרט - אין די פעולות ההכנות צו מתן תורה און קבלת התורה, ובמיוחד אין דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים",

ובמיוחד אין דעם מעורר און מעודד זיין די בני ובנות ישראל, אנהויבנדיק פון קטנים וקטנות כפשוטם, אז זיי זאלן וויסן זייין, אז זיי זיינען "עורבים אותנו", און דורך זייער הנהגה כדבעי, וואס דאס איז די "ערבות" - באקומט יעדער איד און אלע אידן די גאנצע תורה אויפן גאנצן יאר ולעד ולעולמי עולמים, וואס "התורה היא נצחית",

און גלייך דאס פארטייטשן, ווארום מה-דאך ביי אן ערוואקסענעם דארף מען אראפברענגען אין מעשה, ו"המעשה הוא העיקר" - עאכו"כ בנוגע צו א קטן שבקטנים, וואס דעמולט איז בנוגע צו מחשבה שלו, אפילו צו דיבור, דינגט מען זיך, משא"כ בנוגע צו מעשה,

אנהויבנדיק פון די מעשים וואס מ'האט דערמאנט פריער, און מצוות ומעשים טובים וואס מ'האט דערמאנט אין די פריערדיקע התוועדויות,

וכל אחד זאל מוסיף זיין כפי הנראה לו "לפום שיעורא דיליה" פון זיין תלמיד אדער פון זיין תלמידה אדער פון זיין מחונך אדער פון זיין מחונכת,

און זיכער דעם עיקר, שהזמן גמרא: בנוגע צו מיידעלעך - בנוגע צו נרות שבת ויו"ט בברכה, און כולל אויך בנוגע צו דער נר - ברכת "שהחיינו",

און מתוך שמחה מסביר זיין איר, אז "שהחיינו" מאכט מען נאר און דוקא אויף אן ענין של שמחה, און דאס זאגט תורת אמת, איז א סימן אז דאס איז אן אמת'ע שמחה, און אז די וועט זיך ארייינטראכטן - וועט זי פארשטיין, לפי שכלה והבנתה, ביז וואנענט אז זי וועט דערפילן די שמחה,

ביז וואנענט אז דאס וועט זיין אזא שמחה וואס לפי הכלי שלה - איז דאס א שמחה אין אן אופן פון "מאדך": דאס איז דער "מאד" שלה, לויט איר כלי,

ועד"ז בנוגע צו כמה מצוות וואס איז שייך בא בנים, אנהויבנדיק פון דער מצוה פון טלית-קטן, וואס עס הויבט זיך אן גלייך פון תחילת היום,

עולה על כולנה - די הסברה פון "מודה אני". אפילו אז מ'וועט מיט



הנחה פרטית בלתי מוגה

זיי דערן לאחרי אמירת "מודה אני" - וועט מען דאך זיי דאך צוגרייטן, אז אין דעם טאג פון מתן תורה, נאך איידער זיי גייען אין בית הכנסת הערן עשרת-הדברות, איידער זיי טוען עפעס-וואס - הויבט זיך אן דערמיט אז ער טרעפט זיך מיטן אויבערשטן, און ער דערקענט אים, און לויבט אים, און דאנקט אים, און זאגט אים "לפניך", לשון נוכח, און איז מסיים "רבה אמונתך",

און דערנאך גלייך נאך דעריף כאפט ער און איז מקיים א מצוה - ער וואשט נעגל-וואסער און זאגט א ברכה, "נטילת ידים", און אלע ענטפערן "אמן".

און דאס ווערט די התחלה בא יעדער אידיש קינד פון יעדער טאג זיינעם, ווארום ער מאכט זיין יעדער טאג מאכט ער ער זאל זיין אן אמת-אידישער טאג,

און דערנאך, כאמור, במשך היום איז דאך דא כו"כ ענינים,

און זיכער, ברובא דרובא, קען מען זיי אויך מסביר זיין, אז אין דער קביעות פון היינטיקן יאר איז דאס יום שלישי "שהוכפל בו כי טוב", מסביר זיין וואס איז "טוב לשמים וטוב לבריות", און אז דער טאג איז מדגיש אז דאס ווערט איין זאך: אז יעדער רגע איז ער ביידע ענינים, סיי "טוב לשמים" סיי "טוב לבריות", ווי געערדט פריער בארוכה,

און דערנאך איז כל המוסיף, וואס וועט מוסיף זיין אין אלע דברי חינוך ופעולות חינוך - איז תבוא עליו ברכה, בפרט נאך אז מ'וועט דאס טאן בזריזות,

און דערנאך אויך וועגן דער צווייטער פעולה עיקרית: משתדל זיין זיך און טאן את התלוי בו, אז צו דער קריאה פון עשרת-הדברות, במקום קדוש, ובצבור, ובברכה לפני' ולאחרי', זאלן זיין יעדער אידישער קינד און אלע אידישע קינדער,

אנהויבנדיק ווי עס פאסט זיך פאר "לגיונו של מלך", וואס דאס איז יעדער אידיש קינד, "שומר משמרת הקודש", וואס דאס איז "מבן חודש ומעלה",

און עאכו"כ, אדער עכ"פ אויך אזוי - די וואס זיינען עלטער פון זיי, ווארום "מי יודע מעלתן" ווער איז העכער און ווער איז פריער וכו',

און זיי זאלן נאך מוסיף זיין אין דער התעודדות פון דעם "לב אבות", כולל אויך "אבי-אבות", אדער "אם-אבות" וכיו"ב,

און מ'זאל אלע מקבל זיין די תורה בשמחה ובפנימיות און הערן די תורה "באימה וביראה ברתת ובזיע",

וואס די עשרת-הדברות זיינען דאך חותמן "וכל אשר לרעך", וואס דאס איז דאך מבוסס אויף דעם ענין פון אהבת ישראל,

און הויבן הויבט זיך דאס אן מיט "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים", וואס דאס איז דאך בדוגמא פון אהבת ה', כמבואר בארוכה אין ספרי מוסר וכו',

און דערנאך אויך מסביר זיין, אז נאך פאר דעריף האט זיי דער אויבערשטער אנגעזאגט, אז דורך דעריף וועלן זיי "ממלכת כהנים וגוי קדוש", און דורך דעריף זיינען זיי "והייתם לי סגולה מכל עמי הארץ"!

און דורך דעריף וועט מען דאס זען אויך בעיני בשר, דורך דעריף וואס דער אויבערשטער נעמט ארויס דעם "עם סגולה" מבין כל עמי הארץ,

און ברענגט זיי לארץ סגולה, וואס דאס איז ארץ ישראל, ארץ הקודש, צוזאמען מיט דער "חמדה-גנוזה"-סגולה, מיט דער תורה, און צוזאמען פון "אנו אין לנו אלא על אבינו שבשמים", ווי דערמאנט אין די פריערדיקע מאמרים דעם משל וואס ער זאגט אין מדרש ביי א אידן מיטן אויבערשטן, אז "טול חפץ שיקר לך", ענטפערן אידן, אז זיי האבן ניט קיין אנדער חפץ יקר - מערניט ווי דעם אויבערשטן,

אז מ'גייט בקדוב ממש מיטן אויבערשטן, אז "ושב ה' אלקיך את שבותך" אדוים פון דעם גלות,

און מ'גייט אדיין און מ'טאנצט אריין אין גאולה האמיתית והשלימה "מועדים לשמחה", ביז "ושמחת עולם על ראשם",

בביאת משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: מסתמא וועט מען זיכער אויך ניט פארגעסן אויף דעם ענין הצדקה.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית - פעם אחת). "ניע זשוריצי חלאפצי". "ופרצת".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה" - וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

בדך ברכה אחרונה ואח"כ אמר:

אזוי ווי ס'איז דאך "יצא אדם לפעלו ולעהדותו", טאן אין די אלע ענינים וואס עס האט זיך גערעדט ביז איצטער -

זאל זיין דער "בשמחה תצאו ובשלום תובלון", און מיט הצלחה רבה ומופלגה -

והתחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

הנחה בלתי מוגה

**בס"ד. שיחת יום ב׳ דחג השבועות ה׳תש"ם.**

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק׳ לסעודה.

צוה לנגן שלש תנועות (דהבעש"ט המגיד ואדה"ז).

**א.** חג השבועות, זמן מתן תורתנו, איז נאר יום אחד, ניט ווי שאר הימים טובים וואס זיינען מערערע טעג.

וכמבואר אין די הוספות אין תורה אור דער טעם לזה - אז שאר הימים טובים זיינען פארבונדן מיט סדר השתלשלות, און מיט סדר זמנים, במילא זיינען זיי פארבונדן אויך מיט שלימות הזמן - שבעת ימים, ביז אז חג הסוכות האט אין זיך אויך דער יום השמיני השומר את ההיקף;

משא"כ חג השבועות, זמן מתן תורתנו, נעמט זיך פון למעלה מסדר השתלשלות און למעלה פון סדר זמנים, איז בשעת דאס קומט אראפ אין זמן - קומט דאס אראפ אין א יום אחד.

ועי"ד ווי דער יום אחד פון מעשה בראשית,

[וואס מעשה בראשית האט א שייכות צו מ"ת, ווארום מעשה בראשית מצד עצמו איז געווען אין אן אופן פון "ארץ יראה", וואס דאס איז כולל אויך דער ארץ העליונה, און אלע עולמות, אז זיי זיינען אלע געווען אין אן אופן פון "יראה", זיי האבן זיך געשאקלט, און בשעת ס׳איז געקומען "יום השש"", מתן תורה, איז אויפגעטאן געווארן אז "ארץ יראה **ושקטה**"].

וואס ער ווערט אנגערופן אין פסוק "יום אחד" און ניט יום ראשון, ע"ד ווי שאר הימים פון ששת ימי בראשית, יום שני, יום שלישי וכו׳ - דערפאר וואס אין דעם טאג "הי׳ הקב"ה יחידי בעולמו, שלא הי׳ בעולמו אלא הוא", כמבואר אין מדרש (ב"ר פ"ג, ח).

**ב.** אע"פ אז חג השבועות נעמט זיך פון למעלה מסדר זמנים - קומט דאס אבער ניט אראפ אין "שעתא חדא" אדער "רגעא חדא", נאר דאס קומט אראפ פארט אין א משך זמן, "ביומא חדא".

והטעם לזה:

נאך דעם וואס אידן האבן מקבל געווען די תורה בא הר סיני, זיינען זיי ניט גלייך אוועק פון דארטן, נאר זיי זיינען דארטן געבליבן ביז דעם סוף טאג, ד.ה. אז פון מתן תורה ביז ווען די אידן זיינען אוועק פון הר סיני האט געדויערט א טאג צייט.

וואס אין תחילת יום זה זיינען אידן געווען "כקטן שנולד דמי", ביז אז אלע נשמות עד סוף כל הדורות זיינען געווען בא מ"ת און זיי זיינען דעמאלט געבוירן געווארן, ווי עס שטייט (תבוא כז, ט) "היום הזה נהיית לעם".

און דערנאך בסוף היום, אוועקגייענדיק פון הר סיני זיינען אידן געווען "כתינוק היוצא מבית הספר", ווי עס שטייט אין מדרש, געברענגט אין תוספות אין בבלי (שבת קטז, ריש ע"א).

ד.ה. אוועקגייענדיק פון מ"ת בסוף היום זיינען אידן ניט געגליכן צו גאונים וואס לערנען תורה, נאר צו א תינוק "היוצא מבית הספר".

ג. דער ביאור אין דעם וואס פון מ"ת ביז די אידן זיינען אוועקגעגאנגען פון הר סיני האט געדויערט א יום אחד, ועד"ז דאס וואס חג השבועות איז א יום אחד:

לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון הבנה והשגה, אז בא דער וואס לערנט תורה זאל נקלט ווערן און עס זאל זיך אפלייגן בשכל דער ענין וואס ער לערנט.

ביז אין אן אופן ווי דער אלטער רבי זאגט (מיוסד אויפן לשון הרמב"ם), אז דער שכל און דער מושכל און דער משכיל ווערן אלץ איין זאך ממש.

וואס בכדי אז בא דער אדם הלומד זאל נקלט ווערן און אפלייגן און ער זאל פארשטיין דאס וואס ער לערנט, מיט כל הפרטים שבדבר, דארף דאס נעמען א משך זמן.

וואס אע"פ אז מי יאמר לו מה תעשה: דער אויבערשטער האט דאך געקענט מאכן אז ער זאל לערנען תורה און ער זאל דאס פארשטיין אן נעמען א משך זמן?

דער אויבערשטער האט אבער ניט געוואלט אז עס זאל זיין "נהמא דכסופא", נאר ער האט געוואלט אז אלע ענינים זאלן זיין אין אן אופן פון משפיע ומקבל, און בכדי אז דאס זאל זיין אין אזא אופן דארף דאס נעמען א משך זמן ביז אז דער דבר שכל מיט אלע זיינע פרטים לייגט זיך בא דעם מקבל.

ד. דא איז אבער ניט דער פשט אז היות עס נעמט זמן ביז אז דער דבר שכל מיט אלע אירע פרטים לייגן זיך בא דעם אדם הלומד - איז פארשטאנדיק אז בשעת ער פארשטייט יע דער ענין איז דאס אין אן אופן אז ער האט נאר א חלק פון די תורה, נאר די פרטים וואס ער האט פארשטאנען -

נאר דער פירוש איז, אז נאך דעם וואס ער פארשטייט דעם ענין וואס ער האט געלערנט - האט ער אין דעם די גאנצע תורה.

ווארום גאנץ תורה איז איין נקודה, און בשעת דער אדם הלומד לערנט אן ענין אין תורה און ער פארשטייט דאס, ווערט דאך דער שכל און דער מושכל און דער משכיל איין זאך כנ"ל: דער דבר שכל ענין אין תורה, און דער אדם הלומד דער ענין, און דער שכל ווי דאס קומט לפועל - ווערן איין זאך.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם רמב"ם אז דאס ווערט איין זאך ממש, און ניט אז דאס זיינען דריי ענינים וואס לעבן צוזאמען בשלום - ווארום אויב דאס בלייבט דריי ענינים, און דאס ווערט ניט איין זאך, ווערט צוריק די שאלה פון דעם ענין השינוי אין דעם אויבערשטן, ווי דער רמב"ם איז דארטן מבאר.

ס'איז מערניט אז בכדי צוקומען אז דער שכל און דער מושכל און דער משכיל זאלן ווערן איין זאך, דארף מען האבן די הכנה אז עס זיינען דא דריי זאכן, און אז עס נעמט צייט ביז דער משכיל פארשטייט דעם שכל, אבער נאך דעם וואס עס גייט דורך דער משך זמן און דער משכיל פארשטייט דער שכל, ווערט דער שכל און דער מושכל און דער משכיל איין זאך ממש.

איז פארשטאנדיק, אז הגם עס האט גענומען צייט ביז אז דער לומד תורה זאל פארשטיין דער ענין אין תורה וואס ער האט געלערנט - איז אבער נאך דעם וואס ער פארשטייט דאס, ווערט ער איין זאך מיט די תורה, און אזוי ווי די תורה איז איין נקודה - אזוי האט אויך דער אדם הלומד אין די תורה וואס ער לערנט די נקודה און דער פנימיות און דער תוכן פון גאנץ תורה.

ה. דער ענין אז גאנץ תורה איז איין נקודה, און דערפאר ווען מ'לערנט איין חלק פון תורה האט מען אין דערויף גאנץ תורה - איז געווען בהדגשה גלייך בא מ"ת,

בידוע אז אין "וידבר אלקים את כל הדברים האלה" איז נכלל כל התורה כולה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר מיט הגהות פון דעם צ"צ.

ועד"ז איז פארשטאנדיק פון דעם וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין הל' ת"ת שלו, אז אע"פ וואס תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מיני ים", איז דאס אין פלפולא דאורייתא, ועאכו"כ אין רזין ורזין דרזין דאורייתא - אבער הלכות התורה זיינען מוגבלות, וואס דערפאר קען זיין א מציאות פון א "לומד כל התורה כולה".

וכמסופר אין גמ' אז עס זיינען געווען בפועל אזוינע וואס למדו כל התורה כולה.

וואס לכאו' איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ווי קען מען זאגן אז די תנאים האבן געלערנט כל התורה כולה, בשעת נאך זיי זיינען געווען כמה תנאים, און אמוראים, און גאונים וכו' וואס האבן מחדש געווען נייע ענינים אין תורה וואס זיינען פריער ניט געווען, ביז א "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש" איז בא זיי אויך ניט געווען, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם לשון "לחדש" [וואס אע"פ אז אין אנדערע ערטער שטייט דער לשון "לגלות" וכיו"ב - איז אבער קיין הכרח ניט מאכן א מחלוקת צווישן די ערטער, במילא איז "לחדש" אויך אמת] - איז ווי קען מען זאגן אז למדו כל התורה כולה?!

איז דער ביאור אין דעם:

די תנאים וועלכע האבן געלערנט כל התורה כולה, ועד"ז יעדער איינער אויף וועמען מ'זאגט אז למד כל התורה כולה - האבן געלערנט די כללים אין תורה, וואס אין זיי זיינען נכלל אלע פרטים וואס וועלן שפעטער נתחדש ווערן אין תורה, ועד"ז האבן זיי געלערנט די כללים ווי צו ארויסנעמען די פרטים פון די כללי התורה - קומט דאך אויס אז אין די כללים פון תורה וואס זיי האבן געלערנט איז נכלל כל התורה כולה.

וואס דאס ברענגט ארויס דער ענין המבואר לעיל, ווי די גאנצע תורה איז איין נקודה, און בשעת מ'לערנט תורה איז אין דערויף נכלל כל התורה כולה.

ו. דער ענין אז תורה איז איין נקודה, קומט ארויס נאך מער בהדגשה אין דעם ענין פון "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב":

"מורשה" איז דער ענין הירושה, וואס א יורש ווערט מען גלייך בשעת מ'ווערט געבארן, כשיצא לאויר העולם.

ד.ה. אז "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב" מיינט, אז יעדער איד גלייך ווען ער ווערט געבארן ויצא לאויר העולם, איז א יורש לכל התורה כולה, ווארום די תורה איז "לא בשמים היא" (ווי די גמ' איז מבאר אין שבת אין די סוגיא פון מ"ת), די איז געגעבן געווארן דוקא למטה אין עוה"ז הגשמי, בדוגמא ווי "עיקר שכינה בתחתונים היתה".

דערנאך דארף אבער די תורה ארויסקומען אין פרטים:

ווען דער קינד ווערט א תינוק מתחיל לדבר, דארף זיין האב מלמדו תורה, לערנען מיט אים פסוקים פון תורה, "תורה צוה לנו משה גו'" וכיו"ב, דערנאך ווען ער ווערט א בן חמש - דארף ער לערנען מקרא (בן חמש למקרא), בן עשר למשנה, וכו'.

און אין יעדער דרגא וואס ער קומט צו, איז דער אופן פון לימוד התורה וואס מאנט זיך ביי אים - איז דאס די נקודה אין תורה דורך וואס דער אדם הלומד תורה נעמט כל התורה כולה.

ד.ה. אז יעדער דרגא אין לימוד התורה (תינוק המתחיל לדבר, בן חמש למקרא וכו') איז ניט קיין הכנה און אמצעי צו א העכערע דרגא אין לימוד התורה - נאר יעדער דרגא איז א תכלית בפ"ע, און נעמט אין איר נקודה כל התורה כולה.

ז. וע"ד המבואר בנוגע צו "בכל מאדך" [ווי דער מגיד טייטשט אז "עושין רצונו של מקום" איז דער ענין פון "בכל מאדך"], אז דער מאד שלך איז מעורר דער מאד שלמעלה.

און אע"פ אז דער "מאד" פון איין איד קען זיין אן עבודה במדידה והגבלה לגבי די עבודה פון א צווייטן אידן - וויבאלד דאס איז אבער מאד שלך, דאס איז למעלה ממדוה"ג פון דעם אידן - איז "במדה שאדם מודד כך מודדין לו", און דאס איז מעורר דער מאד שלמעלה, ווארום לגבי למעלה איז ניט שייך מחלק זיין, אז אין איין ד' אמות דארף זיין אין איין אופן און אין א צווייטן ד' אמות באופן אחר - נאר בכל מקום וואו ס'איז דא דער מאד שלך איז דאס מעורר דער מאד שלמעלה.

ועד"ז בנדו"ד:

יעדער איינער וואס לערנט תורה לפי דרגתו, נעמט דער מאד שלמעלה: א תינוק שמתחיל לדבר וואס אביו מלמדו פסוקי תורה, נעמט דורך דערויף דער מאד שלמעלה, א בן חמש נעמט דער מאד שלמעלה דורך לימוד מקרא, א בן עשר למשנה נעמט דער מאד שלמעלה דורך לימוד משנה וכו'.

אין גילויים איז דא א חילוק צווישן זיי: ס'איז דא א חילוק צווישן די התלהבות און התרגשות אין לימוד המקרא און לימוד המשנה וכו';

דאס איז אבער נאר א חילוק אין דער כלי, משא"כ אין דאס וואס גיסט זיך איבער פון דער כלי, איז בשוה בא אלעמען, און דאס נעמט דער מאד פון עצמות ומהות כביכול.

און דערפאר איז מצד די נקודה אין תורה וואס איז ביי אלעמען גלייך - פארבינדט דאס דער תינוק שמתחיל לדבר וואס אביו מלמדו תורה מיט דער גדול שבגדולים אין לימוד התורה, א פארבונד פון "ראשיכם שבטיכם" ביז צו "חוטב עציך" און "ושואב מימיך", ביז אז זיי ווערן איין זאך "לאחדים כאחד".

ח. דערפון איז פארשטאנדיק אז דער עבודה פון "בכל מאדך" איז שייך אין דער לימוד התורה און אין דער עבודה בכלל פון כאו"א, כולל אויך קינדער.

וע"ד ווי דאס איז געווען ווען די אידן האבן מקבל געווען די תורה באם הר סיני - איז "בכל דיבור ודיבור פרחה נשמתן", וואס "פרחה נשמתן" איז בפשטות דער ענין פון "בכל מאדך", מס"נ.

ד.ה. אז די אידן בא מ"ת האבן מקבל געווען און געלערנט תורה אין אן אופן פון "בכל מאדך".

וואס דאס איז א הוראה און א נתינת כח פאר אלע אידן, ווארום אלע אידן זיינען געווען בא מ"ת, ווי דערמאנט פריער.

אבער במיוחד האט דאס א שייכות מיט קינדער, ווארום דער מעמד ומצב פון אידן בא מ"ת איז געווען פון א "קטן שנולד דמי", און אין דעם מעמד ומצב פון זיין א קטן האבן די אידן מקבל געווען די תורה אין אן אופן פון "בכל מאדך".

וואס דערפאר דארף מען זיך משתדל זיין מיט קינדער בנוסף צו גדולים, אז בא זיי זאל זיין דער ענין פון "בכל מאדך".

ואדרבה: בא קינדער איז א סאך גרינגער פועל׳ן דאס ווי בא עלטערע, ווארום דער אויבערשטער האט מטביע געווען א טבע אין קינדער בכלל, ובפרט אין אידישע קינדער, אז זיי פאלגן זייערע עלטערן.

משא"כ עלטערע קינדער, וואס האבן שוין דעת - האבן זיי טאקע אויך א ציווי, ע"פ תורה פון "כבד את אביך ואת אמך", אבער די לעצטע החלטה ווי צו זיך פירן איז תלוי אין זיי, ניט אין די עלטערן.

ס. וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל האחריות וואס ליגט אויף מחנכים און מחנכות, מדריכים און מדריכות, ועאכו"כ אויף די עלטערן - אויף אויסנוצן די טבע פון זייערע קינדער, און "בנים אלו התלמידים", ועד"ז בנוגע צו בנות פון פאלגן וואס עלטערן און "רב נקרא אב", הייסן זיי,

און פועל׳ן אויף די קינדער אז נוסף צו דעם וואס בא זיי איז פאראן דער ענין פון "בכל לבבך" און "בכל נפשך", זאל בא זיי אויך זיין "בכל מאדך".

וואס עס זיינען דא אנדערע וואס טענה׳ן, אז מיט די קינדער וועט מען נאר טאן אין "בכל לבבך" און אין "בכל נפשך", און אפילו אין "ואהבת את ה׳ אלקיך", וואס דאס איז כולל אלע רמ"ח מ"ע, כולל אויך דער מ"ע פון "את ה׳ אלקיך תירא", וואס דאס איז כולל אלע שס"ה מצות לא תעשה.

אבער דער ענין פון "בכל מאדך" דארף מען ניט טאן מיט קינדער.

און אפילו אז מ׳דארף יע פועל׳ן בא קינדער דער "בכל מאדך" - איז אבער פריער וועט ער דאס פועל׳ן בא זיך און בא דעם בן גדול, וואס איז נאך בר מצוה, און בת גדולה, וואס איז נאך בת מצוה, און ערשט דערנאך בא די קטנים וקטנות.

זאגט מען אים אז בא מ"ת זיינען אלע אידן געווען "כקטן שנולד דמי" און גלייך דעמאלט איז געווען "פרחה נשמתן", דער ענין פון "בכל מאדך".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מיט יעדער קטן און מיט יעדער קטנה דארף מען זיך משתדל זיין נאכך מערער ווי מיט גדולים, אז ס׳זאל זיין "בכל מאדך".

י. עפי"ז, אז בא קינדער דארף מען פועל׳ן דער ענין פון "בכל מאדך", וועט מען פארשטיין דער פתגם פון דעם רבי׳ן נ"ע:

"אט אזוי ווי הנחת תפילין בכל יום איז א מצוה דאורייתא... אזוי איז א חוב גמור אויף יעדן אידן צו טראכטן יעדן טאג א האלבע שעה וועגן דעם חינוך פון קינדער",

דלכאו׳ וואס איז די שייכות פון מצות תפילין דוקא מיט דער ענין פון חינוך, ער האט דאך געקאנט אנכאפן א צווייטע מצוה?

[וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אפגעדרוקט, וכידוע אז דבר שבדפוס איז לדורות].

איז דער ביאור אין דעם:

דער ענין פון תפילין איז לשעבד הלב והמוח: איר ענין איז ניט איבערצייגן די שכל אויף די מדות, נאר ענינו איז - אז אזוי ווי ס׳איז דא מוח, וואס דאס איז

כולל אלע חלקי השכל, און א לב, וואס דאס איז כולל אלע ענינים רגש - זאל מען זיי ביידע משעבד זיין צו דעם אויבערשטן.

וואס דער ענין פון משעבד זיין דער לב ומוח איז די עבודה פון "בכל מאדך".

וואס דערפאר האט דער רבי נ"ע צוגעגליכן דער ענין פון מצות הנחת תפילין צו דער ענין החינוך פון קינדער - ווארום אזוי ווי אין הנחת תפילין דארף זיין דער ענין פון "בכל מאדך", לשעבד הלב והמוח, עד"ז דארף די חינוך פון קינדער זיין אין אן אופן פון "בכל מאדך", ד.ה. אז בא די קינדער זאל זיין דער ענין פון "בכל מאדך".

**יא.** די הוראה מכל האמור לעיל בנוגע לפועל:

נאך די אלע השגות והישגים וואס מ'האט געהאט אין דעם יום אחד פון חג השבועות, און אין הו"ל - אין די ב' ימים פון חג השבועות, ביז ווי דאס איז געווען בחג השבועות ה'תש"מ - דארף מען וויסן אז מ'איז ווי א "קטן שנולד דמי", ווי א נייע מציאות לגמרי - במילא דארף ערשט זיין א נייע עבודה לגמרי פון "בכל מאדך".

וואס דאס איז ווי די עבודה דארף זיין מיט זיך.

עד"ז דארף אויך זיין די עבודה מיטן זולת, ווי דאס איז געווען בא מ"ת, אז "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו'", וואס דער "ומסרה" צו א צווייטן איז מדגיש די עבודה מיט א זולת.

ובפרט אז יעדער איד האט דער משה שבקרבו, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין תניא, מיוסד אויפן פסוק (עקב י, יב) "ועתה ישראל מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ה' אלקיך גו'", וואס לגבי משה שבכאו"א איז "יראה מילתא זוטרתא היא".

און משה איז ניט אין אופן מקיף בכאו"א, נאר דאס איז בתוכו בפנימיות, ביז אז מ'מאנט פון אים פרטים - "ליראה את ה' אלקיך" [וואס "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים"], ביז אין מעשה בפועל - "ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו ולעבוד את ה' אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך".

וואס דערפאר דארף בא יעדן איינעם זיין דער "משה קבל תורה מסיני ומסרה" צו זיינע בנים ובנות, תלמידים ותלמידות.

ובפרט אז דער אויבערשטער האט אים אפגעגעבן בפקדון די קינדער און תלמידים, כידוע דער ווארט פון דעם בעש"ט, "יעדער איז טייער ביי דעם אויבערשטן ווי א בן יחיד וואס איז געבארן געווארן ביי עלטערן לעת זקנותם, און נאך טייערער".

ועד"ז בנוגע צו א מיידעלע, אז יעדערע פון זיי איז אזוי ווי א בת יחידה בא דעם אויבערשטן.

און דער בן יחיד און בת יחידה האט דער אויבערשטער אפגעגעבן אלס א פקדון צו עלטערן און צו מחנכים ומחנכות, בכדי זיי זאלן אים און איר מחנך זיין ווי דער אויבערשטער וויל.

איז בשעת דער אויבערשטער גיט אפ עלטערן און מחנכים ומחנכות, אידישע קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך, וואס זיי זיינען ביי אים אזוי טייער ווי א בן יחיד און בת יחידה וואס זיינען געבארן געווארן ביי עלטערן לעת זקנותם כו' - איז פארשטאנדיק אז דאס האט ער זיי אפגעגעבן אלס א פקדון, בכדי זיי זאלן מחנך זיין די קינדער ווי דער אויבערשטער וויל.

**יב.** ועד"ז זאל מען אוועקגיין פון דעם חג השבועות, אזוי ווי אידן זיינען דעמאלט אוועק פון הר סיני "כתינוק היוצא מבית הספר" - אז מ'זאל מיטנעמען די התעוררות און די נתינת כח פון דעם חג השבועות, זמן מתן תורתנו, על כל השנה כולה,

אז בכל השנה כולה זאל זיין "נותן התורה" לשון הוה, ועד"ז קבלת התורה לשון הוה, און אין אן אופן פון "בנינו עורבים אותנו",

אז עס זאל זיין א שנת תורה, און דורך תורה האט מען אלע ברכות, ווארום תורה איז דער כלי מחזיק כל הברכות,

אנהויבנדיק פון א שנת אורה, ביז אלע ברכות וואס שטעלן זיך אויס אין די אותיות פון אל"ף בי"ת,

ביז צו א שנת תפלה, און שנת תורה, און שנת תשובה, "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה",

ביז צו "לאתבא צדיקיא בתיובתא", דורך דעם וואס מען איז משיב משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

**יג.** מ'האט דערמאנט פריער (סל"א), אז גלייך בא מתן תורה האט זיך אנגעהויבן די עבודה מיט א זולת, ווי די משנה זאגט, אז בשעת "משה קבל תורה מסיני", איז גלייך געווען "ומסרה כו'" צו א זולת.

ד.ה. אז גלייך בא מ"ת האט זיך אנגעהויבן דער סדר פון לימוד התורה מיט א זולת, וואס משה באקומענדיק די תורה פון דעם אויבערשטן, האט ער עס גלייך איבערגעגעבן, "ומסרה", צו א תלמיד און צו אלע אידן.

און ווי דאס איז געווען בפשטות, אז גלייך ווען משה האט באקומען די עשרת הדברות אין דעם טאג פון מתן תורה, איז גלייך אין יענעם טאג האט ער עס איבערגעגעבן צו די אידן.

נאך מער:

אפילו די צוויי דברות הראשונות וואס די אידן האבן געהערט פון דעם אויבערשטן אליין (ניט ע"י משה רבינו) [וואס דערפאר איז "תורה" בגימט' תרי"א, ווארום די תורה וואס "צוה לנו **משה**" איז נאר געווען תרי"א מצוות, משא"כ די צוויי דברות הראשונות האבן די אידן געהערט פון דעם אויבערשטן אליין] - האט זיי משה איבערגע'חזר'ט נאך אמאל נאכן הערן עס פון דעם אויבערשטן, ווי די כמה דעות בזה (תו"ש יתרו מילואים ס"א).

וואס דאס איז נאך מער מדגיש אז גלייך בא מ"ת איז געווען דער ענין וואס משה האט געלערנט מיט אידן די תורה.

ונוסף לזה:

די גמ' זאגט אין עירובין (נד, ב) (אראפגעבראכט אין פרש"י (תשא לד, לב)) אז "כיצד סדר משנה, משה למד מפי הגבורה, נכנס אהרן ושנה לו", ביז אז "נכנסו כל העם ושנה להם פירקן".


הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס אע"פ אז בפשטות רעדט זיך דאס וועגן דער סדר פון לימוד התורה ווי ס'איז געווען נאך מ"ת - אבער מ'קען אויך זאגן אז עס האט זיך אנגעהויבן אין דעם טאג פון מ"ת (ראה במדבר ג, א ובפרש"י).

**יד.** האמור לעיל אז משה האט די אידן גלייך איבערגעגעבן און געלערנט די עשה"ד - איז דאס ניט נאר אן ענין פון לימוד התורה פון די עשה"ד, נאר עס איז אויך כולל אין זיך לימוד התורה וואס איז געווען נאך זמן מתן תורה, און לימוד התורה בכל הזמנים -

ווארום כידוע אז כל התורה כולה איז כלול אין די עשה"ד, ווי רש"י ברענגט אראפ פון רס"ג.

ובפרט לויט דעם ירושלמי אין שקלים אז "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש ניתן למשה מסיני".

ובפרט לפי המבואר אין לקו"ת ד"ה וידבר אלקים את כל הדברים האלה לאמר, מיט די הגהות פון דעם צ"צ.

קומט דאך דערפון אויס אז אין די עשה"ד איז כלול גאנץ תורה אויך ווי עס קומט אראפ אין הבנה והשגה, ביז אויך ווי עס קומט אראפ אין "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא", ד.ה. לימוד התורה ווי עס איז מביא לידי מעשה, בכדי וויסן "את הדרך אשר ילכו בה ואת המעשה אשר יעשון ואלה אשר לא תעשינה", ווי צו מקיים זיין מצוות בפועל ממש.

וואס אויף דערויף דארף מען האבן ניט נאר תושב"כ, נאר אויך תושבע"פ, ובלשון הרמב"ם אין הקדמתו לספרו יד החזקה - "תורה בפירושה ניתנה", וואס "פירושה" איז בפשטות תושבע"פ.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק קרוב לסופו, אז מ'דארף האבן די פירושים פון תושבע"פ אין תושב"כ בכדי צו וויסן ווי צו מקיים זיין מצוות בפועל.

און דאס אלעס האט משה גענומען בשעת ער האט געהערט די עשה"ד בא מ"ת, עכ"פ ווי די ענינים זיינען נכלל בכללות אין די עשה"ד.

[ובפרט לויט דעם וואס רש"י ברענגט (ר"פ בהר מתו"כ) אז "כללותיהן ודקדוקיהן" פון אלע מצוות "נאמרו מסיני"].

דערנאך, נאך דעם טאג פון מ"ת, האט משה טאקע געדארפט לערנען "ארבעים יום וארבעים לילה" מקרא און משנה און מדרש וכו' - אבער פונדעסטוועגן האט משה גענומען כל התורה כולה אין דעם טאג פון מ"ת, עכ"פ ווי עס איז כלול אין די עשה"ד.

און משה האט מקבל געווען די עשה"ד על מנת אז עס זאל זיין "וידבר אלקים את כל הדברים האלה **לאמר**" - אז יעדער איד זאל דאס דערנאך איבער'חזר'ן - "לאמר" - און איבערגעבן צו א צווייטן מיט תוספת הבנה והסברה דורך זיין חלק אין תורה.

**טו.** מהמבואר לעיל איז פארשטאנדיק, אז אין דעם טאג פון מ"ת איז משה געווען בדוגמא ווי א רב און א מלמד צו אלע אידן, און אלע אידן זיינען געווען תלמידים פון משה'ן -

ווארום דעמאלט בשעת דער אויבערשטער האט געגעבן די עשה"ד איז געשטאנען בכח דער ענין פון "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", דער ענין וואס אידן זיינען מקבל די תורה פון משה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ביז אז דער ענין וואס משה איז געווען א מלמד צו אלע אידן איז אויך ארויסגעקומען בפועל אין דעם טאג פון מ"ת, אז נאך דעם וואס משה האט געהערט די עשה"ד, און אפילו נאך דעם וואס די אידן האבן געהערט די ערשטע צוויי דברות - איז משה גלייך געווען אויסגעטיילט פון די אנדערע אידן, דערמיט וואס אים האט מען אויסגעקליבן צו ווערן דער מלמד און רב פון אלע נשמות ישראל וואס זיינען אלע געווען בא מ"ת, און ווי געזעדט פריער, אז אויך די ערשטע צוויי דברות (וואס די אידן האבן געהערט פון דעם אויבערשטן אליין), האט משה איבערגעזאגט צו זיי, ווי דער פירוש זאל נאר זיין אין דעם.

און וויבאלד אז משה איז געווען דער מלמד און רב פון די אידן, און די אידן זיינען געווען תלמידיו - איז דאך "רב קרוי אב" און "תלמידים קרויים בנים", קומט אויס אז משה איז געווען אזוי ווי דער אב צו אלע אידן, און די אידן זיינען געווען אזוי ווי זיינע בנים.

**טז.** דערפון האט מען דער לימוד און די הוראה בנוגע צו דער יחס און השתדלות און די יגיעה וואס דארף זיין מיט בנים במשך כל הדורות כולם.

ביז אין אופן וואס מ'איז זיך מוסר נפש אויף דעם, ווי ס'איז געווען בא משה, אז "מסר נפשו" פאר תורה, און דערפאר איז דאס נקראת על שמו, "זכרו תורת משה עבדי".

ועד"ז דארף זיין בא כאו"א בכלל, ובפרט מצד דעם משה וואס איז דא בא כאו"א, כמדובר לעיל פון ספר תניא קדישא.

**יז.** חג השבועות איז פארבונדן אויך מיט א צווייטער ענין - מיט דוד המלך, וואס "דוד מת בעצרת", ווי עס שטייט אין ירושלמי, אין תוספות אין בבלי, אין רות רבה, ובכ"מ.

וואס אויך בא דוד המלך געפינט מען די הדגשה בנוגע צו קטנים:

עס שטייט (ש"א יז, יד) "ודוד הוא הקטן", זאגט די גמ' (מגילה יא, א) אויף דערויף: "הוא בקטנותו מתחילתו עד סופו".

וואס איינער פון די פירושים אין דעם איז, אז ער איז שטענדיק געווען אין אן אופן פון א קטן, "מתחילתו עד סופו".

וואס אין דעם באשטייט דער אויפטו פון דוד המלך:

פון איין זייט איז דוד געווען א מלך, ביז אז ער איז דער עצם ענין און אמיתית ענין המלכות, ווי עס איז פשוט ע"פ דין (הל' מלכים פ"א ה"ז) אז "כיון שנמשח דוד זכה בכתר מלכות... לו ולבניו הזכרים עד עולם... לא תכרת המלוכה מזרע דוד עד עולם".

און אע"פ אז מ'געפינט דער ענין המלוכה בא די שבטים - איז עס אבער נאר א מלכות באופן מוגבל, משא"כ מלכות דוד איז א מלכות נצחי פון ווען דוד איז נמשח געווארן בקרן.

וביחד עם זה איז דוד געווען שטענדיק אין אן אופן פון א קטן, "דוד הוא הקטן" "מתחילתו ועד סופו".

ועי"ד ווי עס שטייט אין מדרש (פסדר"כ פיסקא ולקחתם לכם - קפ, ב (בהוצאת באבער)), אז "אין אנו יכולין לעמוד על אופי של דוד, פעמים שהוא קורא א"ע מלך, ופעמים הוא קורא א"ע עני".


הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס זיינען אויך די צוויי הנועות צוזאמען: סיי דער ענין וואס דוד איז א מלך, און סיי דער ענין וואס ער איז אן "ענו".

**יח.** עד"ז געפינט מען אז בזמנו פון מלכות דוד איז געווען א מעלה מיוחדת בנוגע צו תינוקות כפשוטם:

עס שטייט אין במדב"ר (פי"ט, ג) אז "תינוקות שהיו בימי דוד עד שלא טעמו טעם חטא היו יודעין לדרוש את התורה מ"ט פנים טמא ומ"ט פנים טהור".

וואס דער חידוש בזה איז פארשטאנדיק בפשטות, אז נוסף לזה וואס א תינוק איז ערשט בכלל אנגעקומען לכלל דיעה - איז בזמנו פון דוד האבן די תינוקות ניט נאר געהאט סתם ידיעת התורה, נאר "היו יודעין לדרוש את התורה מ"ט פנים טמא ומ"ט פנים טהור"!

**יט.** וואס דער טעם פארוואס עס איז אזוי געווען דוקא בזמן מלכות דוד - קען מען מבאר זיין ע"פ דעם וואס עס שטייט אין מדרש (שמו"ר פ"ב, ב), אז דער אויבערשטער איז בוחן צדיקים אויב זיי זיינען ראוי צו זיין רועי ישראל, דורך דעם וואס מ'זעט ווי זיי זיינען מרעה צאן.

און אזוי איז געווען בא דוד: "בדק לדוד בצאן ומצאו רועה יפה כו' הי' מוציא הקטנים לרעות כדי שירעו עשב הרך ואח"כ מוציא הזקנים וכו', אמר הקב"ה מי שהוא יודע לרעות הצאן איש לפי כחו יבוא וירעה בעמי, הה"ד (תהלים עח, סט) מאחר עלות הביאו לרעות ביעקב עמו".

און ווייבאלד אז מלכות דוד איז געווען אין אזא אופן, דערפאר האט עס געבראכט אז "תינוקות שהיו בימי דוד.. היו יודעין לדרוש את התורה מ"ט פנים טמא ומ"ט פנים טהור".

**כ.** עד"ז האט דער אויבערשטער בוחן געווען משה רבינו בצאן, און דורך דערויף איז ער געווארן א רועה ישראל, ווי דער מדרש דערציילט און איז מבאר דארטן בארוכה:

"כשהי' מרע"ה רועה צאנו של יתרו במדבר ברח ממנו גדי ורץ אחריו עד שהגיע לחסית, כיון שהגיע לחסית נזדמנה לו בריכה של מים ועמד הגדי לשתות, כיון שהגיע משה אצלו אמר: אני לא הייתי יודע שרץ היית מפני צמא", און דער מדרש איז מסיים דער סיפור אז משה האט געזאגט: "עיף אתה, הרכיבו על כתיפו והי' מהלך", און האט אומגעקערט דעם שעפעלע למקומו אין דעם עדר.

"אמר הקב"ה יש לך רחמים לנהוג צאנו של בשר ודם, כך חייך אתה תרעה צאני ישראל".

און ווי משה ווערט אנגערופן בלשון הידוע - רעיא מהימנא, ועד"ז געפינט מען א ריבוי פעמים אז משה ווערט אנגערופן בשם רועה ישראל.

ביז אז דער חלק אין זהר ["האי תיבנרא דילך" פון רשב"י] וואס ווערט אנגערופן "רעיא מהימנא", איז ע"ש זה וואס רובו פון דעם האט משה רבינו, דער "רעיא מהימנא", געזאגט.

וואס רוב פון רע"מ אין זהר איז רזין און רזין דרזין בלגלי, און אפילו די חלקים דאס וואס ווייזט זיך אויס איז נגלה - איז אבער דערפון גופא וואס דער חלק פון רע"מ איז ארייגגעשטעלט געווארן אין זהר, איז פארשטאנדיק אז אין איר זיינען דא רזין.

קומט דאך אויס אז אויך דאס וואס משה האט געזאגט רזין און רזין דרזין תורה - ווערט אויך אנגערופן ע"ש זה וואס משה איז דער רעיא מהימנא.

וואס דער טעם אויף דעם וואס ער ווערט אנגערופן רעיא מהימנא - איז ע"פ זה וואס משה איז געווען "ורעה אמונה",

וכמבואר אין שמו"ר אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס משה איז געווען א רועה צאן.

**כא.** רשב"י זאגט אין זהר פ' בהעלותך, אז ס'איז ח"ו צו זאגן אז סיפורים אין תורה זיינען סיפורים בעלמא - נאר זיי זיינען הוראות אין עבודת ה', אז דער וואס ווייסט וועגן דעם סיפור אין תורה, ברענגט עס אראפ אין א מעשה בפועל, וואס די מעשה בפועל איז דער עיקר און דער שלימות פון דער הוראה.

עד"ז בענינגו - דארף מען ארויסנעמען א הוראה פון דעם סיפור מיט משה רבינו אלס רועה צאן.

ואין ענין יוצא מידי פשוטו:

פון דעם סיפור מיט משה רבינו לערנט מען זיך אפ ווי מ'דארף זיך פירן מיט גדילים כפשוטם.

ועאכו"כ מיט "קול גדיא" פון תינוקות, כמבואר אין אסת"ר (פ"ט, ד. ועוד) אז גאולת פורים איז געקומען דורך דערויף וואס למעלה האט מען געהערט דעם "קול גדיא" פון די כ"ב אלף תשב"ר וואס מרדכי האט צוזאמענגעקליבן.

וואס מרדכי איז דער ממלא מקום פון משה רבינו, כמבואר בכ"מ, וכפשוטו: מרדכי איז געווען פון סנהדרין, וואס זיי זיינען סמוכין איש מפי איש ביז משה רבינו, ובפרט אז מרדכי האט געהאט מעלות אויף שאר הסנהדרין.

וואס דערפאר איז אזוי ווי משה איז געווען א רועה צאן, עד"ז האט מרדכי צוזאמענגעקליבן תינוקות וואס זיי זיינען "גדילים", און דאס האט געבראכט די גאולה פון פורים, וואס איז "מיסמך גאולה לגאולה", צו גאולת פסח.

**כב.** ועד"ז דארף מען דערפון אפלערנען ווי אזוי עס דארף זיין די הנהגה מיט "קול גדיא" און "צאן מרעיתך" בכל הדורות, וואס דאס איז בנוגע צו חיי המשפחה פון כאו"א מישראל.

וואס זיי האט דער אויבערשטער אנפארטרויט די קינדער, "צאן מרעיתך", און זיי געבענטשט אז די הנהגה מיט די קינדער זאל זיין כדבעי,

און אין אן אופן אז מ'זאל זיך מוסר נפש זיין פאר די חינוך פון די קינדער, ע"ד ווי ס'איז געווען בא משה רבינו, "זכרו תורת משה עבדי", דערפאר וואס ער האט זיך מוסר נפש געווען אויף יעדער זאך וואס שטייט אין תורה, ועאכו"כ אויף א ציווי עיקרי פון "ושננתם לבניך".

**כג.** פון דעם ענין פון "ושננתם לבניך" באקומט מען נאך א הדגשה יתירה אין דער הוראה הנ"ל פון טאן אין מחנך זיין קינדער:

אין דער ציווי פון "ושננתם לבניך" געפינט מען א דבר פלא (ווי גערעדט אמאל (כ"ד טבת תשל"ח. לקו"ש ואתחנן תשל"ח):

איינע פון די פסוקים עיקריים פון וואנעט מ'לערנט אפ דער חיוב פון לימוד התורה לעצמו, איז דוקא - פון דעם פסוק "ושננתם לבניך".

ווי ס'שטייט בכו"כ מקומות (סהמ"צ) (און אזוי איז אויך משמע בכ"מ אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן ?).

ונוסף לזה לערנט מען אפ פון "ושננתם לבניך" כו"כ פרטים בנוגע צו דעם חיוב פון תלמוד תורה: אז "בדברי תורה הכתוב מדבר", אז ס'איז דא א חיוב תמידי בכל רגע צו לערנען תורה [נוסף לזה וואס מ'לערנט דאס אפ פון "לא ימיש ספר התורה הזה מפיך"], ועד"ז פון (דעם המשך) "ושננתם" לערנט מען אפ - "שיהיו מחודדים בפיך".

ועד"ז פון (המשך הכתוב) "ודברת בם", לערנט מען אפ - "ודברת בם - בדברי תורה, ולא בדברים אחרים".

ועד"ז די כמה פרטים וואס מ'לערנט אפ פון "בשבתך בביתך ובלכתך בדרך ובשכבך ובקומך",

ובפרט לויט דעם פירוש אין דערויף אין פרקי אבות אין דעם פרק האחרון, "קנין תורה" (מ"ט), [וואס פרקי אבות לערנט מען בתור הכנה צו מתן תורה און קבלת התורה, ובפרט דעם פרק האחרון, "קנין תורה"], וואס ער איז דארטן מפרש ווי "בשכבך" מיט די אלע פרטים זיינען דא בחיי האדם.

[וואס אע"פ אז דער פירוש אין פרק"א איז אין א "בשכבך" פון אן אנדער פסוק - איז דאס אבער דער זעלבער לשון ווי אין אונזער פסוק "בשכבך ובקומך"].

וואס דאס זיינען אלץ פרטים אין דער חיוב פון לימוד התורה;

דערנאך, כאמור, לדעת כו"כ איז דער עיקר הציווי אויף לימוד התורה לעצמו אין דעם פסוק "ושננתם לבניך".

**כד.** וואס דאס איז נאך מער מדגיש, אז בשעת איינער לערנט תורה מיט זיך, האט דער אויבערשטער געוואלט און אנגעזאגט, אז זיין (חיוב אויף) לימוד התורה זאל צו אים אנקומען דורך דער ציווי פון "ושננתם לבניך".

ובדוגמא דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", כמדובר כמ"פ.

עד"ז בנדו"ד:

דער ציווי צו די "אבות" אויף לימוד התורה, וואס דאס איז במיוחד פארבונדן מיט חג השבועות, זמן מתן תורתנו, און קבלת התורה, ועד"ז כו"כ פרטים ווי די "אבות" דארפן לערנען תורה, "שיהיו מחודדים בפיך" וכו', כנ"ל - איז פון וואנעט קומט עס אן צו די "אבות" - איז דאס דוקא ע"י הבנים, דורך דעם ציווי פון "ושננתם לבניך".

**כה.** דערפון האט מען נאך מער די הדגשה אז פון די ענינים וואס מ'נעמט מיט זיך פון חגה"ש - דארף זיין דער ענין פון חינוך הבנים והבנות בכלל, ובפרט אין לימוד התורה.

און מיט די הסברה, אז "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", וואס "קהלת יעקב" איז ניט נאר כולל דער שלימות פון ששים ריבוא מישראל צוזאמען - נאר אויך יעדער איד באזונדער, וואס יעדער איד איז א בן יחיד אדער בת יחידה פון דעם אויבערשטן, און אויף יעדערן פון זיי שטייט אז די תורה איז זיינער "מורשה", וואס א בן יחיד און א בת יחידה זיינען יורש הכל.

און דערנאך האט דער אויבערשטער אפגעגעבן דער זכות און די אחריות פון דער בן יחיד און בת יחידה צו די מחנכים ומחנכות, און צו די אבות ואמהות, אז זיי



הנחה פרטית בלתי מוגה

זאלן היטן דעם טייערן פקדון, און טאן מיט דעם פקדון וואס דער בעל הפקדון וויל מ'זאל דערמיט טאן.

וואס בשעת מחנכים ומחנכות און אבות ואמהות דערזען אז מ'האט זיי אפגעגעבן אזא טייערער פקדון זיי זאלן איר היטן - איז א זיכערע זאך אז זיי היטן דאס ווי דער בעל הפקדון וויל מ'זאל עס היטן.

און מ'זאגט זיי אז דאס איז ניט קיין ציווי בתור "הוקה חקקתי גזירה גזרתי" - נאר שכרו בצדו:

"והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים": דורך דעם וואס די "אבות" זיינען זיך משתדל מיט די בנים אין אויפטאן מיט די בנים ביתר שאת ויתר עוז - קומט צו אין די אבות.

**כו.** וכמדובר לעיל האט די השתדלות מיט קטנים אויך א שייכות מיט דוד המלך, ווארום "ודוד הוא הקטן", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ער האט א שייכות מיוחדת צו קטנים וקטנות מישראל.

ובפרט אז דוד איז געווען א מלך, און אין אן אופן פון "אשר יצא לפניהם ואשר יבוא לפניהם" (פנחס כז, יז. וראה ש"א יח, טז) - אז ער האט באזארגט אלע בני המדינה מיט אלע צרכים וואס זיי דארפן האבן,

איז דאך פארשטאנדיק אז ער האט אויך באזארגט די קטנים וקטנות מיט זייערע הצטרכיות פרטיות, אזוי ווי ער האט עס געטאן בנוגע צו די גדולים.

ואדרבה, ס'איז דא א חידוש אין דעם וואס דוד המלך האט באזארגט די קטנים לגבי דעם וואס ער האט באזארגט די גדולים:

בא א גדול איז דא דער חיוב פון "וברכך ה"א בכל אשר תעשה": בכדי עס זאל ביי אים זיין ברכה, דארף ער טאן מלאכה.

משא"כ א קטן וקטנה זיינען ניט שייך צו דער גאנצער ענין פון מלאכה, און זיי באקומען שפייז וכו' פון זייערע עלטערן.

און ווי גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות בארוכה (ש"פ במדבר), אז לויט רשב"י דארף בא קינדער זיין דער ענין פון "תורתו אומנתו" - דערפאר דארף מען זיי צושטעלן אלע ענינים בכדי זיי זאלן ניט דארפן גיין טאן מלאכה, "הורש וזורע", און אפילו ניט "ואספת דגניך", נאר זיי זאלן קענען זיצן און כסדר לערנען תורה, "תורתו אומנתו".

וואס לפי"ז קומט אויס א דבר פלא:

לויט ר' ישמעאל איז דא א ציווי פון "ואספת דגניך", אז עס דארף זיין "הנהג בהם מנהג דרך ארץ", און "הרבה עשו כר' ישמעאל ועלתה בידם"; משא"כ לויט רשב"י דארף זיין "תורתו אומנתו", און "אפשר אדם הורש בשעת חרישה וזורע בשעת זריעה כו' תורה מה תהא עלי', אלא בזמן שישראל עושין רצונו של מקום מלאכתן נעשית ע"י אחרים", וואס דערפאר דארף מען צושטעלן קינדער אלע ענינים בכדי זיי זאלן קענען זיין "תורתו אומנתו" -

[illegible] ניט אויסקומען אז כאטש "ואספת דגניך" איז א לשון ציווי, און בכלל אין א [illegible] תורה איז שייך אויך דער ענין פון חינוך הקטנים אין דעם ענין - איז [illegible] בכלל ניט [illegible] בא קטנים וקטנות, אבער ניט [illegible]

ואדרבה: ע"פ תורה דארף זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו" אין ענינים פון לימוד התורה און קיום המצוות בהידור, אבער ניט אין "חורש וזורע".

**כז.** וואס עפי"ז איז פארשטאנדיק אז בשעת דער מלך המדינה באזארגט בני המדינה (די גדולים), איז דאס ניט סתם אז ער באזארגט זיי און זיי טוען בכלל קיין מלאכה ניט - נאר בא זיי איז אויך דא דער "וברכך ה"א בכל אשר **תעשה**", ובמילא איז דא אויך וואס יעדער איינער פון בני המדינה טוט מצד ענינו, און דערפון באקומט דער מלך א תועלת.

לדוגמא: בשעת דער מלך באזארגט די אנשי צבא פון דער מדינה, באקומט ער פון זיי דער תועלת וואס אנשי צבא טוען אויף.

ועד"ז בנוגע צו די שרי המדינה, און שאר אנשי המדינה - אז יעדערער טוט זיין חלק אין דער מדינה.

משא"כ בנוגע צו קטנים וקטנות דארף זיי דער מלך באזארגן מיט אלע ענינים, און נגד זה איז די איינציקע זאך וואס זיי גיבן אים צוריק איז - זייער לימוד התורה און קיום המצוות בהידור, אבער ניט קיין ענין פון הורש אדער זורע, אדער "ואספת דגניך".

ביז ווי ס'איז געווען בפשטות, אז בזמן דוד, בשעת ער האט זיך געפירט ווי ס'איז ראוי פאר א מלך - איז געווען "יצא לפניהם" און "יבוא לפניהם" - אז דורך דוד המלך איז נשפע געווארן פון דעם אויבערשטן אלע עניני המדינה, און ענינים פון די אנשי המדינה.

ובמיוחד ובהדגשה איז געווען די השפעה בימי דוד בנוגע צו קינדער, ווי גערעדט פריער אז "תינוקות שהיו בימי דוד ... היו יודעין לדרוש את התורה מ"ט פנים טמא ומ"ט פנים טהור".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז עד"ז איז געווען בשאר הענינים בימי דוד.

**כח.** וויבאלד אז די ענינים וועגן דוד המלך זיינען א חלק פון תושבע"פ, איז דאס זיכער א הוראה ברורה פאר כאו"א בנוגע למעשה בפועל.

וואס אע"פ אז ווער קען זיך גלייכן צו דוד המלך, וואס ער איז "דוד מלך ישראל חי וקיים",

ובדוגמא ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא (פמ"ד) בנוגע צו משה רבינו, אז "מי הוא זה ואיזהו אשר ערב לבו לגשת" צו די ענינים פון משה רבינו [- דער אלטער רבי שרייבט דאס אין דעם זעלבן פרק און לפנ"ז וואס ער שרייבט אז ס'איז דא דער משה שבכאו"א, און דאס פועל'ט אויף אים ביז אין המעשה הוא העיקר] -

איז אבער דער אלטער רבי גלייך ממשיך אז "מ"מ הרי אפס קצהו ושמץ מנהו מרב טובו ואורו מאיר לכללות ישראל בכל דור ודור ... דאתפשטותי' בכל דרא ודרא"

ועד"ז בנוגע צו דוד המלך:

בשעת מ'זאגט "דוד מלך ישראל חי וקיים" איז מען ניט (נאר) מדגיש ווי דוד איז דער וואס האט געשריבן דעם ספר תהלים, און אפילו ניט דער וואס האט מכין געווען צום בנין ביהמ"ק - נאר מ'איז מדגיש ווי דוד איז בתור "מלך ישראל" וואס איז "חי וקיים" בכל דור ובכל מקום.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דאס האט מען אריינגעשטעלט אין נוסח התפלה אין קידוש החודש, אז בכל חודש זאל מען עס זאגן מחדש און מיט א נייער התלהבות בשעת מ'זאגט קידוש און חידוש הלבנה (ווי די צוויי לשונות בזה).

ואין ענין יוצא מידי פשוטו:

דוד איז דער מלך ישראל **איצטער**! און ער באזארגט אלע צרכי המדינה, און צרכי בני המדינה.

ועאכו"כ בנוגע צו קינדער, ווי עס שטייט בפירוש אז "תינוקות שהיו בימי דוד ... היו יודעין לדרוש את התורה מ"ט פנים טמא ומ"ט פנים טהור".

און מה-דאך אז "היו יודעין לדרוש את התורה מ"ט פנים טמא ומ"ט פנים טהור" - איז עאכו"כ אז בא זיי איז געווען לימוד הכל פשוט, וואס דאס איז לימוד המביא לידי מעשה.

**כט.** דערפון נעמט מען ארויס די הוראה און נתינת כח אויף טאן אין די ענינים וואס דוד המלך האט געטאן.

ובפרט אז מ'שטייט אין דער יום ההילולא שלו, וואס דעמאלט איז "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו" איז "מתגלה ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה" (אגה"ק סכ"ח (קמ"ח, א)), און עס ווערט נתגלה ווי דאס שטייט אין "שרש שרשו ברום המעלות במדריגה היותר עליונה למעלה מעלה" (סידור שער הל"ג בעומר דש, רע"ג), ווי גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות (ש"פ בהו"ב ס"ד),

און עס ווערט נתגלה דא למטה ביז אז דאס איז "פועל ישועות "בקרב הארץ" (אגה"ק שם) אפילו אין דעם חושך און מיצר הגלות, און בקרב הארץ".

וואס דאס איז ניט נאר א סיוע ויכולת וכח בכל המצטרך - נאר מ'האט אויך דער ענין פון א ישועה, "ישועות", וואס דאס איז שלא בערך מערער פאר סתם אן עזר.

און דאס איז אין אופן פון "**פועל ישועות**", וואס "פועל" באווייזט אויף אן ענין פון עשי', כלשון הידוע "וידע כל פעול כי אתה פעלתו", וואס דאס גייט אויף עולם העשי', ווי עס שטייט אין סידור האריז"ל.

**ל.** בנוגע לעניננו:

מ'שטייט דאך איצטער אין דעם יום ההילולא פון דוד המלך און פון דעם בעש"ט - איז דאך זיכער אז עבודתם וואס זיי האבן עובד געווען במשך כל ימי חייהם איז "פועל ישועות בקרב הארץ".

עס הענגט נאר אפ אין כאו"א צו ארויסנעמען עס מן הכח אל הפועל, אין בפועל אין אן אופן פון עשי', כנ"ל, וואס "המעשה הוא העיקר".

וואס דאס איז בכללות; ובפרטיות - דארף מען זען אז יעדער תינוק זאל זיין דורכגענומען מיט דער ענין התורה, ועד"ז בנוגע צו בנות, און דאס זאל אויך דורכנעמען זייער הנהגה בכל היום כולו.

ביז אלע אין אופן אז בא זיי זאל זיין "ולבי חלל בקרבי", אז "אין לו [illegible]".

[illegible]



[illegible]

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק וואס דער ענין פון "ולבי חלל בקרבי" מיינט בפועל אין דער מלחמה מיט לעו"ז:

ענינו פון דור איז געווען - מלחמה, ווי עס שטייט "דם רב שפכת", וואס בעבודת האדם איז דאס - אז ער האט מלחמה מיט אלע מנגדים וואס זיינען מעלימים ומסתירים אויף אידישקייט.

ביז אז ער פועל'ט עס זאל זיין "ולבי חלל בקרבי", "שאין לו יצה"ר כי הרגו בתענית" (תניא פ"א).

דערנאך איז געקומען תורת הבעש"ט, ובפרטיות מיט ביאורים אין תורת חסידות חב"ד, ביז דער ביאור אין אגה"ת - אז אלע ענינים וואס אמאל האט מען דערצו געדארפט אנקומען דורך א תענית, איז דאס ניט בכח אין דורנו זה החלוש - דערפאר זיינען דא אנדערע עצות ווי אזוי צו אויפטאן דער זעלבער זאך: דורך פארבייטן דעם תענית מיט צדקה, וואס בכללות איז דאס דער ענין פון אהבת ישראל, כמבואר בפרטיות אין אגה"ת.

און דאס איז נאך מער ממהר דעם "לאתבא צדיקייא בתיובתא", וואס וועט נשלם און נגמר ווערן בעיקר דורך משיח צדקנו, און עס וועט דעמאלט זיין א תשובה בתכלית השלימות.

נאר בכדי אז ער זאל דאס קענען אויפטאן, דארף פריער זיין דער הכנה צו דעם דורך מעשינו ועבודתינו, וואס די ענינים פון לע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתינו איצטער.

**לא.** אויף מאכן א סיכום כללי אויף כל המדובר לעיל:

מ'דארף זיך ארײנלייגן אין דעם ענין פון חינוך, און אין אן אופן פון "בכל מאדך", למעלה ממדידות והגבלות לגמרי, כנ"ל.

און דאס וועט אויפשטעלן "צבאות ה'", בדוגמא ווי ס'איז געווען אין "כימי צאתך מארץ מצרים", נאר מיט די הוספה און דער חידוש אז דאס וועט זיין "צבאות ה'" פארבונדן מיט ביאת משיח צדקנו.

וואס דעמאלט וועט זיין דער חידוש, ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר אין שערי תשובה, אז לע"ל וועט זיין דער תכלית השלימות פון "שלום ושקט יהי' בימיו",

ביז אין אופן אז מ'וועט ניט דארפן טראכטן וועגן מלחמה, ועאכו"כ ניט דארפן צוגרייטן זיך צו מלחמה, וויבאלד אז אלע מנגדים וועלן זיין בטל במציאות, ביז אז "זדונות נעשו לו כזכיות", און עס וועט זיין "והשבתי חי' רעה מן הארץ" ווי דער צווייטער פירוש - "משביתן שלא יזוקו", אז ניט נאר וואס "לא יזוקו" בפועל, נאר די משביתים וועלן זיין א "שמש גרול", בדוגמא ווי ס'איז געווען קודם החטא, וביתר שאת.

**לב.** און כל זה וועט אנגעפירט ווערן דורך די קליינע קינדער, ווי גערעדט אין דער התוועדות פון אחש"פ (סט"ו ואילך) וועגן דעם וואס עס שטייט אין דער נבואת הגאולה, אז "וגר זאב עם כבש ונמר עם גדי ירבץ גו' **ונער קטן נוהג בם**".

כן תהי' לנו - דורך דעם וואס יערערער וועט טאן אין דעם כדבעי, וועט מען זוכה זיין בקרוב ממש אז עס זאל זיין "ונער קטן נוהג בם", ואין מקרא יוצא מידי פשוטו: יעדער קליין אידיש קינד וועט אנפירן מיט די גאנצע וועלט.

און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (עחגה"ש), אז בשעת א קינד מאכט א ברכה און מ'ענטפערט אויף דעריוף אמן, איז דער אויבערשטער מיט פמליא של



הנחה פרטית בלתי מוגה

מעלה שלו מקיים דבריו, ווארום ס'איז "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל".

ד.ה. אז דער אמירת אמן וואס קומט דורך דער ברכה פון דעם קטן אדער קטנה - היילט צו אין איז מבריך און ממשיך א ברכה בפועל אין כל העולמות כולם!

און דורך דעריף קומט מען צו דער גמר פון אלע מלחמות, און מ'ברייגנט דעם נצחון, ווי עס שטייט אין סיום פון מס' נזיר (דער דוגמא אויף "גדול העונה אמן יותר מן המברך").

ביז אז דאס ברייגנגט צו דער מעמד ומצב פון ימות המשיח, וואס דעמאלט וועלן ניט זיין קיינע ענינים המבלבלים פון לעו"ז, נאר די עבודה וועט זיין נאר אין קדושה גופא, אז מ'וועט גיין העכער און העכער, כמבואר אין אגה"ק.

כן תהי' לנו, און בלשון הרמב"ם "נגאלין מיד": אז מיד וועט זיין דער קץ הגלות, און מיד דער אתחלתא דגאולה, און מיד דער גאולה אליין, און מיד דער שלימות הגאולה, און אין דעם גופא - מיד דער שלימות הגאולה ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר אין שערי תשובה,

למטה מעשרה טפחים, ומתוך שמחה וטוב לבב.

*　*　*

**לג.** ווי גערעדט כמ"פ איז חג השבועות בכללות פארבונדן מיט דריי ענינים:

ס'איז פארבונדן מיט משה רבינו וואס ער האט מקבל געווען די תורה בזמן מתן תורתנו, בחג השבועות,

ווי עס שטייט אין ירושלמי (ר"ה פ"ד סה"ח) אז חגה"ש איז פארבונדן מיט זמן מתן תורה, ווי מ'ברייגנגט דארטן פון א פסוק, און דערפאר גיט מען צו "זמן מתן תורתנו" אין נוסח התפלה פון חגה"ש וכו', ווי גערעדט אמאל בארוכה (לקו"ש ח"ח ע' 21. ח"ג ע' 996. שיחת ש"פ צו ש.ז.).

וואס אע"פ אז משה האט מקבל געווען די תורה במשך אלע ארבעים שנה אין מדבר - איז אבער מתן תורה במיוחד פארבונדן מיט דער זמן ווען ס'איז געווען די אמירת עשה"ד, וואס זיי זיינען אין זיך כולל כל התורה כולה, ווי גערעדט פריער,

און זמן מתן תורה איז פארבונדן מיט חג השבועות.

**לד.** דער צווייטער ענין מיט וועלכע חגה"ש איז פארבונדן איז - מיט דוד המלך, וואס "דוד מת בעצרת".

וואס אין דעריף איז דאך דא דער שאלה הידועה: ווי איז מתאים אז "דוד מת בעצרת" מיט דעם וואס עס שטייט אין בבלי אז הסתלקות דוד איז געווען בשבת - דלכאו' בשעת מ'איז מקדש החדשים ע"פ החשבון קען שבועות ניט אויסקומען ביום השבת (ווי גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות בארוכה)?

איז דער תירוץ בזה - אז עס רעדט זיך בשעת מ'האט מקדש געווען החדשים ע"פ הראי'.

עס בלייבט נאך אבער שווער לדעת רס"ג, וואס ער זאגט אז די כללים פון "לא בד"ו פסח" זיינען מן התורה, ד.ה. אפילו בשעת מ'האט מקדש געווען ע"פ הראי' קען שבועות ניט אויסקומען ביום השבת, ווארום פסח קען ניט אויסקומען ביום ו'?

וכידוע די שקו"ט פארבונדן דערמיט, און ס׳איז אויך פארבונדן דערמיט וואס "משה הוסיף יום אחד מדעתו", ואין כאן המקום להאריך בזה.

עכ"פ - יום שני פון חגה"ש איז פארבונדן מיט דוד המלך, ווי ס׳איז דא כמה מנהגים אין קהילות פארבונדן מיט דוד ביום שני דחגה"ש (ראה לקו"ש ח"ח שם ע׳ 22 בהערה).

**לה.** דער דריטער ענין מיט וועלכע חג השבועות איז פארבונדן איז - מיט דעם בעש"ט, וואס אויך זיין הסתלקות איז געווען בחגה"ש.

ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט אין דעם פארברייגגן פון חגה"ש ה׳ת"ש [דער ערשטער שבועות זיינער קומענדיק אהערצו בפעם הב׳], אז דער אלטער רבי פלעגט דאוונען פארן עמוד יום ראשון דחגה"ש צוליב דעם יארצייט פון דעם בעש"ט.

ואע"פ אז דאס איז געווען ביום הראשון דחגה"ש - האט עס אבער אויך א שייכות מיט יום שני דחגה"ש, וואס די איז א המשך צום יום ראשון,

ובמיוחד בנוגע צום בעש"ט, ווארום זיין הסתלקות איז געווען ביום ראשון דחגה"ש און דער המשך און חותם וסיום הענינים פארבונדן מיט דער הסתלקות זיינען געווען ביום שלאח"ז.

ובפרט ע"פ זה וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת ד"ה להבין ענין יו"ט שני של גליות, פארוואס אין גליות דארף מען האבן א יו"ט שני.

וואס ע"פ המבואר איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו דעם בעש"ט - אז אע"פ וואס בפשטות איז ער פארבונדן מיט יום ראשון דחגה"ש - איז אבער א זיכערע זאך אז אלע זיינע ענינים פון יום ראשון ווערן נמשך אויך אין יום שני דחגה"ש, ווילבאלד אז דאס איז געווען בגליות.

ועאכו"כ בנוגע צום בעש"ט, וואס ענינו איז געווען אויפטאן אין גלות, ביז אויפטאן דארטן בתכלית השלימות - אז עס זאל זיין "יפוצו מעינותיך" פון רזין דרזין אין "חוצה",

וואס דא איז דער דיוק ניט "יפוצו מי המעין", נאר "יפוצו **מעינותיך**", אז די מעינות אליין וועלן אנקומען אין "חוצה", כמדובר כמ"פ בארוכה, נוסף אויף דעם וואס רבותינו נשיאנו האבן געזאגט.

**לו.** וע"ד ווי מ׳האט פריער גערעדט אז די ערשטע צוויי ענינים פארבונדן מיט חגה"ש, משה רבינו און דוד המלך, האבן א שייכות מיט דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים" - עד"ז האט אויך דער ענין פארבונדן מיט חגה"ש, דער בעש"ט - א שייכות מיט "והשיב לב אבות על בנים":

דער בעש"ט האט דערציילט וועגן זיך, אז איידער ער איז נתגלה געווארן איז ער געווען א באהעלפער צו א מלמד דרדקי, און פירענדיק די קינדער מחדר לחדר פלעגט ער זיי איינגעוואוינען זאגן אמן, און יהא שמי׳ רבה, כמסופר אין די רשימות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס זיינען שוין געדרוקט.

און דאס וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט עס געהייסן דרוקן - איז דאס בכדי אז מ׳זאל דערפון ארויסנעמען א הוראה.

וואס דערפון גופא וואס מ׳דערציילט א סיפור וועגן בעש"ט - איז פארשטאנדיק אז עס איז ניט סתם צו דערציילן אז אזוי האט זיך דער בעש"ט געפירט -

ווארום מה-דאך אז בא א פשוט שבפשוטים איז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און
נאָך מער - "בכל דרכיך דעהו" - איז דאך עאכו"כ אזוי בא דעם בעש"ט - איז מאל
קמ"ל בטעת מ׳דערציילט אז דער בעש"ט האט זיך אזוי געפירט?!

נאר ס׳איז א זיכערע זאך אז מ׳דערציילט דעם סיפור ניט בכדי אז עס זאל
בלייבן בא דעם שומע הסיפור, און דערמיט ענדיקט זיך עס - נאר אז דער סיפור זאל
דערגיין ביז צו שנת תש"מ, בחוץ לארץ, במקום פלוני, און בכל המקומות וואו
מ׳רעדט וועגן דעם בעש"ט, ווארום "דברי צדיקים קיימים לעד",

און אז מ׳זאל הערן דעם סיפור, און ביז דערהערן עס, און ניט נאר דערהערן
אז ס׳איז א גוטע און פיינע און שיינע זאך - נאר מ׳זאל אויך טאן בפועל וואס דער
בעש"ט מיינט.

**לז.** די הוראה בפועל פון דעם סיפור פון דעם בעש"ט:

יעדער איינער דארף זיין א "באהעלפער" צו א זולת ער זאל לערנען תורה,
ועאכו"כ אז מ׳זאל אליין לערנען תורה.

און אע"פ אז א באהעלפער צו א צווייטן איז ניט קיין ענין פון כבוד,
ווילבאלד אז דאס באווייזט אז ער העלפט א צווייטן - פונדעסטוועגן טוט ער עס
בגופו ובשלימות,

עאכו"כ ודען עס קומט צו אן ענין פון "ושננתם לבניך", ועד"ז אן ענין פון
"תמכין דאורייתא".

**לח.** ס׳איז דא נאך א סיפור מיט דעם בעש"ט (וואס איז אויך געדרוקט (לקו"ד ח"ג
תקכז, ב)):

דער בעש"ט פלעגט געבן קינדער מיני פירות, און נאך דעם וואס זיי האבן
געמאכט א ברכה אויף דערויף, פלעגט דער בעש"ט ענטפערן אמן מיט א שטארקע
דביקות.

ולכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק וואס איז דא דער ענין אין דעם:

דער בעש"ט האט דאך געהאלטן בא די דרגא פון "בי׳ אתלהיטנא", וואס דערפאר
ווערט ער אנגערופן "בעל שם-טוב" - איז וואס קען שוין אין דעם צוקומען דורך
אמירת אמן אויף ברכות פון קינדער?!

פונדעסטוועגן זאגט מען אז דער בעש"ט האט זיך משתדל געווען צו געבן פירות
צו קינדער זיי זאלן אויף דערויף מאכן א ברכה, בכדי ער (דער בעש"ט) זאל קענען
ענטפערן אמן אויף די ברכות בתכלית הדביקות וההתעוררות עצומה.

**לט.** די הוראה דערפון איז:

בשעת מ׳זאגט אז עס דארף זיין "והשיב לב אבות על בנים" - קומען צוגיין
אנדערע און הויבן אויף א שטורעם:

היתכן - כל ישראל זיינען דאך בחזקת כשרות - איז ווי קען מען מאכן א טומעל
אז עס דארף זיין "והשיב לב אבות על בנים", אז דוקא קינדער וועלן מעורר זיין די
עלטערן?!

דערציילט מען אז בשעת דער בעש"ט האט געוואלט צוקומען צו א דביקות עצומה -
איז לכאו׳ דער וועג דערצו - דורך לערנען מס׳ מקוואות, און דורך לימוד התורה
בכלל, און דורך עבודת התפלה בשלימות, און דורך שלימות אין "ושננתם לבניך".



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס די ענינים האט דער בעש"ט זיכער געהאט בשלימות, איז ביי אים במילא זיכער געווען א דביקות הכי נעלה דורך די ענינים.

און מ׳רעדט שוין ניט וועגן זיין "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" - ווארום מאי קמ"ל, ס׳איז דאך "לא אבנא דמתגושש בי׳";

פונדעסטוועגן זאגט מען אז נוסף צו די גאנצע דביקות וואס איז געווען באם בעש"ט - איז דא א סיפור מיוחד מיטן בעש"ט, וואס ס׳איז ניט ח"ו סתם א סיפור, ווי עס שטייט אין זהר בהעלותך - נאר ס׳איז א חלק פון תושבע"פ פון חסידות, און נאך דעם וואס מ׳האט עס אפגעדרוקט - א חלק פון תושב"כ פון חסידות.

און וויבאלד אז מ׳האט עס געהייסן דערציילן, און ס׳איז אפגעדרוקט געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר - איז עס ניט בכדי דערציילן א סיפור יפה, נאר בכדי אז דערפון זאל ארויסקומען א הוראה הכרחית:

אז מ׳זאל וויסן זיין אז נוסף צו די גאנצע דביקות וואס דער בעש"ט האט געהאט פון די אלע ענינים האמורים - איז ער געגאנגען טאן מיט קליינע קינדער אז זיי זאלן מאכן א ברכה, בכדי ער זאל קענען ענטפערן אמן בדביקות עצומה.

און ער איז ניט געגאנגען צו גדולים לערנען מיט זיי תורה, וואס דעמאלט וואלטן זיי אויך געמאכט א ברכה (ברכת התורה), נאר ער איז געגאנגען דוקא צו קליינע קינדער, אז זיי זאלן מאכן א ברכה.

און בא דעם באש"ט איז צוגעקומען דביקות עצומה דורך דעם וואס ער האט געענטפערט אמן אויף די ברכה פון די קליינע קינדער.

**מ.** וואס דערפאר - טאמער עס איז דא א מציאות פון איינעם וואס וועט קומען און ברימען זיך מיט וויפל ער האט אויפגעטאן בעבודתו - אין תורה, עבודה און גמילות חסדים ביז אז "נעשה צדיק גמור" - במילא האט ער ניט וואוהין צו שטייגן: תורה האט ער, עבודה האט ער, גמילות חסדים האט ער - איז וואוהין קען ער שטייגן?!

זאגט מען אים, אז ס׳איז דא א סיפור פשוט, וואס אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיין עברי-טייטש, וועגן א איד וואס האט געהייסן דער בעל שם טוב, וואס אזוי האבן אים אנגערופן אפילו אידן וואס האבן פון אים ניט געהאלטן.

און כשמו כן הוא, מיט די אלע פרטים וועגן אים וואס זיינען שוין איצטער נתפרסם געווארן, ואין כאן מקומו להאריך בזה, ואדרבה - וויפל מ׳וועט נאר מאריך זיין וועט עס ניט זיין קיין טיפה מן הים פון זיין גדלות, און דער טיפה מן הים ווייסט יעדערער וואס וויל וויסן.

און דער איד, דער בעש"ט, האט מוסיף געווען און עבודה על עבודתו, יקר על יקר - ווארום ס׳איז דאך מעצמו מובן דער מעמד ומצב פון דעם בעש"ט אפילו אן אמירת אמן - און ער האט זיך משתדל געווען געבן א פרי צו א קינד, און ער האט געווארט ביז דער קינד זאל מאכן א ברכה, ביז אז ער זאל קענען ענטפערן אמן בדביקות עצומה.

**מא.** און אפילו אז מי הוא זה ואיזהו צוגלייכן זיך צום בעש"ט (כנ"ל) - האט אבער דער בעש"ט פותח געווען את הדרך, און ער האט געהייסן דערציילן דעם סיפור, ובפשטות ובוודאות ניט צוליב דערציילן סתם א סיפור - נאר אויך צוליב ארויסנעמען דערפון א הוראה, און צוזאמען דערמיט א נתינת כח.

און די הוראה ונתינת כח איז ניט אויף דערויף - אז בשעת ס׳איז דא א "קול ילד בוכה", זאל מען מפסיק זיין פון וואס מ׳טוט און גיין איינשטילן דעם קינד - ווארום מאי קמ"ל?!

ועאכו"כ אויב ס'איז א "קול ילד בוכה" ברוחניות, ועאכו"כ אויב ס'איז א "ילד" בשנים אדער בידיעות וואס ווייסט ניט אז ער דארף ווייגען - וואס דעמאלט איז דער רחמנות אויף אים גאר מבהיל'דיק, מצד דער בכי' דלא אשתמע.

נאר דא רעדט מען אז אפילו בנוגע צו א ילד וואס גייט אין חדר אדער קומט פון חדר - דארף מען זיך מטריח זיין בגופו ועאכו"כ בנשמתו אין איינוואוינען דעם ילד אז ער זאל זאגן אמן און יהא שמי' רבה.

און דערנאך זוכה ער א אידיש קינד, און ער טוט אין זוכן ביז ער געפינט דעם קינד, און ער איז זיך משתדל מיט דעם קינד אז ער זאל מאכן א ברכה.

און ער איז זיך משתדל אז דער קינד זאל מאכן א ברכה ניט דורך א מופת - אז ער מאכט עס זאל זיין א קשת, און מ'זאל מאכן א ברכת הקשת, און אויך ניט דורך א דבר תורה, וואס דעמאלט מאכט מען א ברכת התורה - ווארום מאי קמ"ל?!

נאר "חנוך לנער ע"פ דרכו": ער גיט דעם קינד א פשוט'ע זאך, אן עפל, א ניסל, וואס דער קינד האט אין דערויף א געשמאק און ער וויל דאס, ביז אז דער קינד מיינט אז מ'האט אים געגעבן דער פרי צוליב עסן איר, ווארום א קינד ווייסט ניט פון קיינע חכמות און פון באהאלטענע ענינים - און אויף דעם מאכט דער קינד א ברכה בשם ומלכות, און דער בעש"ט ענטפערט אויף דערויף אמן בדביקות עצומה.

**מב.** און אויב ער האט די טענה מי הוא זה ואיזהו וואס קען זיך גלייכן צו דעם בעש"ט - איז דאס ערשט א באווייז אז ער דארף אנקומען צו א קינד בכדי אז ביי אים זאל זיין מערער דביקות, וק"ו פון דעם בעש"ט!

עס דארף אים נאר אנשטיין צו מחליט זיין אז דאס איז אמת ישר מיט אלע גוטע לשונות בזה - וועט ער דעמאלט זיכער דאס טאן בפועל, ווארום דער בעש"ט האט שוין דורכגעטראטן די וועג דאס צו טאן.

און דאס איז דער ענטפער צו די וואס טענה'ן ווי קען זיין דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים":

זאגט מען אז אזוי ווי ס'איז געווען בא דעם בעש"ט, אז ביי אים איז צוגעקומען אין דביקות דורך ענטפערן אמן אויף די ברכה פון א קינד - האט דאס דורכגעטראטן די וועג, אז דער ענטפערן אמן אויף דער ברכה פון א קינד זאל צוברענגען דביקות בא יעדער איינעם.

און דאס רירט ניט אן ח"ו אין קיינעם - ווארום דאס איז שייך בא יעדער איינעם פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "ושואב מימיך".

**מג.** ע"פ המבואר לעיל איז פארשטאנדיק אויך דער קישור צווישן די דריי ענינים אין חגה"ש - משה רבינו, דוד המלך, און דער בעש"ט:

אזוי ווי די נבואה פון "והשיב לב אבות על בנים" איז פארבונדן מיט דעם "יום ה' הגדול והנורא", וואס דאס איז דער טאג פון ביאת משיח צדקנו, וואס אלי' הנביא וועט קומען א טאג פריער און מבשר זיין אז משיח קומט אויף מארגן, אין דעם "יום ה' הגדול והנורא", און אפילו נאך פריער, כמדובר כמ"פ בארוכה.

עד"ז איז פארשטאנדיק אז משה רבינו און דוד המלך און דער בעש"ט, וואס אלע פון זיי האבן א שייכות מיוחדת מיט דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים", כנ"ל בארוכה - האבן אויך א שייכות מיוחדת מיט דער גאולה העתידה, און דאס איז מאחד אלע דריי ענינים צוזאמען:

דורך "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס דאס איז תורת הבעש"ט, ווי מ׳לערנט עס אין אופן פון "מיגי׳ יתפרנסון", ווי ער טייטשט אין מקדש מלך, אז דאס איז א לימוד אין אופן פון פרנסה, אז עס ווערט דם ובשר כבשרו פון דעם אדם הלומד, "ותורתך בתוך מעי", ד.ה. לימוד אין אופן פון חב"ד בהבנה והשגה -

איז דעמאלט קומט דוד מלכא משיחא, וויבאלד אז "כשיפוצו מעינותיך חוצה" קאתי מר "דא מלכא משיחא".

וואס "הוא גואל ראשון הוא גואל אחרון", וואס "גואל ראשון" איז משה רבינו.

וואס דאס איז מאחד די דריי ענינים, משה רבינו, דוד המלך און דער בעש"ט, ע"ד ווי זיי זיינען אלע דריי פארבונדן מיט חגה"ש.

מד. און בשעת א איד איז זיך עוסק אין "יפוצו מעינותיך חוצה" ביז אין "והשיב לב אבות על בנים" - איז עס כולל אין זיך כל התורה ומצוותי׳, מיט אירע אלע פרטים (וואס ווערן נתבאר בפנימיות התורה?).

וואס דערפאר איז כאן המקום להזכיר וועגן נרות יו"ט, ועד"ז וויבאלד מ׳שטייט שוין אין ערב שבת - וועגן נרות שבת קודש.

ועד"ז בנוגע צו די אנדערע מבצעים, אנהויבנדיק פון אהבת ישראל, ווי געזעגט פריער, און חינוך, כנ"ל באריכה, און "בראשית בשביל התורה" - תורה, תפילין, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין", מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - לבבה וחכמי׳, כשרות האכו"ש, טהרת המשפחה, און כל הענינים.

ביז אז עס וועט גלייך מקויים ווערן דער קאתי מר דא מלכא משיחא, און עס וועט זיין ארץ ישראל בשלימותה, צוזאמען מיט די תורה בשלימותה, און אויך די שלימות פון אלע אידישע קינדער, און ערוואקסענע,

"קהל גדול ישובו הנה", וואס "קהל" איז א מציאות אחת פון אלע אידן, און "גדול" לשון יחיד, וואס פארבינדט זיך מיט תורה אחת, און מיט הוי׳ אחד.

און מ׳וועט קומען אין דער גאולה האמיתית קיין ארץ ישראל, דער "ארץ טובה ורחבה", און א ארץ לגבולותי׳.

ביז עס וועט זיין "כי ירחיב הוי׳ את גבולך", אז נוסף צו די שבעה ארצות פון די שבעה אומות, וועט צוקומען די ג׳ ארצות פון קיני קניזי וקדמוני בירושה, וואס א יורש איז יורש הכל, כנ"ל.

ביז אז ער איז יורש אלע עשרה ענינים, ביז אויך דער מקיף עליהם, "כתר מלכות", און "כתר תורה", וואס "בי מלכים ימלוכו", ווי דער רמב"ם פסק׳נט בספרו, און דער אלטער רבי ברייננגט עס אראפ בהלכות ת"ת שלו, אז וויבאלד "בי מלכים ימלוכו", וואס דאס איז דער ענין פון "כתר תורה", ענינו פון חג השבועות - דערפאר האט מען דורך דערויף אויך דער "כתר כהונה" און דער "כתר מלכות",

און אויך דער "כתר שם טוב" און "בעל שם טוב" וכו׳, וואס איז "עולה על גביהן".

און אלע כתרים ווערן במשך און אלע אידן זעען זיי נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, ווארוב אלע אידן ווערן אנגערופן "מלכים" נאך אין גלות, ווי עס שטייט אין תקו"ז, וואס ער איז געלערנט געווארן און געזאגט געווארן בזמן הגלות.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ביז אז עס וועט אראפקומען כפשוטו בגאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמאלט וועלן אלע אידן זען דער קיום ההבטחה פון "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים", וואס דאס איז פארבונדן מיט "לי כל הארץ", וואס איז פארבונדן מיט שנה השביעית, "שבת לה'",

בעגלא דידן, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

**מה.** צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה צאינה וראינה גו'.

* * *

**מו.** ווי דערמאנט פריער, איז שבועות די הילולא פון בעש"ט.

איז הגם אז דעמאלט איז אויך די הילולא פון דוד המלך, ווי די גמ' זאגט אז "בעצרת מת דוד", און דער טאג איז אויך פארבונדן מיט משה רבנו, ווארום דעמאלט איז געווען מתן תורה, וואס תורה איז ענינו של משה כמ"ש זכרו תורת משה עבדי, ובפרט ע"פ המבואר אין זוהר אז קבורת משה איז אין תורה,

[און ווי גערעדט פריער בארוכה, אז הגם קבלת כל התורה, במדבר סיני, האט גענומען א משך זמן - אעפ"כ איז אבער קבלת כל התורה בכללות געווען בשעת מ"ת, ווארום כל התורה כולה איז נכלל אין די עשרת הדברות, ווי די גמ' זאגט, אז "וידבר אלקים את כל הדברים האלה לאמר" מיינט כל התורה כולה, ביז "מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש" בסוף כל הדורות.

ביז אז רש"י בפירושו עה"ת זאגט צו א בן חמש למקרא, ע"פ פשוטו של מקרא, אז אלע תרי"ג מצוות זייגען נכלל אין עשה"ד (ווי אראפגעבראכט פון אזהרות רס"ג],

איז הקרוב קרוב יותר צו אונז איז דער ענין פון בעש"ט.

**מז. דער אויפטו פון דעם בעש"ט לגבי תלמידו וממלא מקומו - הרב המגיד - איז געווען:**

דער סדר פון הרב המגיד איז געווען, אז ער פלעגט זיצן במקומו, און אהין זיינען געקומען תלמידיו ושומעי לקחו וחסידיו ושומרי דרכיו, און פון דארטן האבן זיי גענומען דאס וואס זיי האבן מקבל געווען, און דאס געבראכט למקומם;

משא"כ דער סדר פון בעש"ט איז געווען באופן הפוך: ד.ה. אז נוסף אויף דעם וואס צו אים פלעגן אויך קומען תלמידים וכו' - איז אבער עיקר עבודתו געווען, אז ער פלעגט אליין ארומפארן לכו"כ מקומות, און האט אליין מפיץ געווען תורתו אין אלע ערטער, און אין אן אופן פון "פועל ישועות בקרב הארץ", במסופר כמה פעמים דורך רבותינו נשיאינו.

**מח.** ויש לומר הביאור אין דעם חילוק צווישן די צוויי אופני העבודה (פון בעש"ט און פון מגיד):

די גמ' זאגט אז ס'זיינען פאראן צוויי אופנים אין לימוד התורה: ס'איז דא א לימוד למיגרס, און ס'איז דא דער ענין פון עיון התורה, ד.ה. לימוד לפלפולא; ובלשון אחר - בקיאות וחריפות, אדער ווי די גמ' איז מחלק בסוף הוריות צווישן א "סיני" מיט א "עוקר הרים", ובלשון הירושלמי "סדרן" אדער "פלפלן".

וואס ביידע אופני הלימוד זיינען מוכרחים, ווארום, בלשון הגמ' שם "הכל צריכין למרי חטיא", ס'מוז זיין בקיאות; ועד"ז מוז זיין ענין הפלפול כדי

אראפצובעמען די שאלות און ורמינהו׳ס וקשיות וואס ווערן נתעורר בשעת הלימוד - די שאלה איז בלויז מי בראש.

וכאמור, אז בידע אופני הלימוד זיינען מוכרחים, וויבאלד אז לימוד התורה מוז זיין אין אן אופן אז דאס זאל אינגאנצן דורכנעמען דעם מענטשן, ביז ווי די גמ׳ זאגט אין עבודה זרה, אז די תורה וואס ער לערנט ווערט אנגערופן "תורתו", וואס דוקא דעמאלט איז דער לימוד בשלימותו - וואס אויף דעם מוז זיין סיי לימוד למיגרס סיי לימוד לעיונא.

ועד"ז איז מובן בכללות עבודת האדם, אז וויבאלד די עבודה דארף דורכנעמען דעם גאנצן גוף האדם, וכידוע אז די רמ"ח מ"ע זיינען כנגד די רמ"ח איברים, און די שס"ה מל"ת - כנגד שס"ה גידים, ביז ווי דער ספר חרדים צוטיילט אלע מצוות לויט אברי הגוף וואס זיינען שייך צו די מצוות, מצוות התלויות בראש בידים וכו׳ - איז מובן, אז אויך בכללות עבודת האדם זיינען פאראן די צוויי אופנים: "סיני" און "עוקר הרים".

**מט.** ויש לומר, אז דאס זיינען די צוויי אופני העבודה הנ"ל:

די עבודה אין דעם אופן אז ער זיצט אין זיין ארט (כדרך הרב המגיד), איז ע"ד ווי לימוד אויף בקיאות; און די עבודה פון ארומפארן בעיירות ישראל (כדרך הבעש"ט), איז ע"ד ווי לימוד בחריפות.

והביאור בזה: אז ער איז יושב על מקומו, איז זיין לימוד אין אן אופן אז ער לערנט כל דבר במקומו, און ער זיצט שטילערהייט, שוקט על שמריו; משא"כ דער אופן הלימוד פון חריפות איז, אז ער איז "עוקר הרים", ער "פארט" אויף דוכן נייע סברות, ער "פארט" פון איין סברא צו דער צווייטער און שלאגט איר אפ וכו׳, ווי דער לשן "עוקר הרים בהלכה וטוחנן זה בזה" - וואס אין עבודת האדם איז דאס דער אופן העבודה פון ארומפארן בעיירות ישראל.

**נ.** די משנה זאגט "משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע ויהושע לזקנים"; עד"ז געפינט מען אויך בנוגע צו "סדר תורה", ווי די גמ׳ זאגט אין עירובין, אז נאך דעם וואס משה האט געלערנט מיט אהרן ובניו האט ער איבערגעזאגט דעם ענין במיוחד צו די זקנים, וואס בפשטות מיינט עס די סנהדרין שהיו בימי משה, ווי עס שטייט "אספה לי שבעים איש מזקני ישראל, ולקחתי מן הרוח אשר עליך ואצלתי עליהם", און משה איז געווען דער "מופלא שבסנהדרין" - ועד"ז איז בכל דור ודור דא דער ענין פון סנהדרין.

געפינט מען אויך ביי די סנהדרין די עבודה הנ"ל (ארומפארן בעיירות ישראל):

די סנהדרין איז בתקפה ע"פ דין און קען דן זיין דיני נפשות וכו׳ - דוקא ווען זי איז על מקומה אין לשכת הגזית לעבן מזבח, ווי עס ברייננגט זיך אין פוסקים געבומען פון דעם וואס חז"ל לערנען אפ פון סמיכות הפרשיות פון פ׳ משפטים מיטן ציווי "ואם מזבח אדמה תעשה לי גו׳" (ווי געבראכט אויך בפירש"י על התורה) - און דוקא דארטן, ווען אלע חברי הסנהדרין זיינען צוזאמען, האבן זיי דעם תוקף פון סנהדרין בתכלית השלימות, ביז זיי קענען דן זיין אויך דיני נפשות.

לאידך גיסא, געפינט מען אין תנא דבי אליהו, אז דאס וואס א סנהדרין שהיתה הורגת אחת לשבע שנים (אדער אחת לשבעים שנה), הייסן מיט א נאמען וואס איז היפך פון עילוי און שבח, איז ווייל "הי׳ להם לילך ולקשור חבלים של ברזל במתניהם וכו׳ ויחזרו בכל עיירות ישראל וכו׳ וילמדו את ישראל וכו׳", און דורך דעם באווארענען אז עס זאל ניט קענען קומען צו א מצב זיי זאלן דארפן דן זיין דיני נפשות אחת לשבע (או שבעים) שנה.

פארוואס האבן זיי געדארפט האבן "חבלים של ברזל"? איז די הסברה בפשטות: אין דעם, ווייל זיי פארן אויף א לאנגע נסיעה, און א חגורה פון ארג קען זיך אפטראגן במשך א לאנגע צייט; און עס מוז זיין "לקשור חבלים כו' במתניהם", ווארום דאס גיט צו אין דער זריזות (ע"ד ווי עס שטייט בנוגע צו יצ"מ "מתניכם חגורים", וואס דאס איז מחזק דעם חפזון).

וואס זייענדיק בעיירות ישראל האט דאך געפעלט לכאו' אינעם תוקף פון די סנהדרין, ווארום דעמאלט זיינען זיי געווען שלא במקומם, בלשכת הגזית; און אויך - זיי זיינען ניט אלע צוזאמען, וואס דוקא זייענדיק צוזאמען במספר ע"א האבן זיי דעם תוקף פון סנהדרין.

[וכמובן בפשטות, אז זיי זיינען ניט ארומגעפארן אלע צוזאמען, נאר איינער אדער צוויי אדער דריי צוזאמען; ווי מ'געפינט אין גמ' בנוגע צו ר' עקיבא'ן, אז ער איז געווען בחו"ל, און בשעת מעשה זיינען חביריו געווען בא"י, ביז דאס איז אויך נוגע להלכה בנוגע לעיבור שנים, אז אויב "הניח כמותו בא"י" קען ער ניט מעבר זיין בחו"ל, און אויב "לא הניח כמותו", קען ער יא מעבר זיין את השנה].

איז אעפ"כ, אויב זיי האבן ניט מחזר געווען בעיירות ישראל, כדי צו באווארענען ס'זאל ניט קומען דערצו מ'זאל דארפן מעניש זיין א אידן ביטן עונש הכי חמור וכו' - רופט מען זיי אן "חבלניה", ווייל זיי מוזן מפיץ זיין תורה כדי צו שולל זיין ס'זאל קומען דערצו, ניט קוקענדיק אויף דעם אז דעמאלט זיינען זיי ניט במקומם און ניט אלע צוזאמען.

און דוקא דורך דעם קומען זיי צו זייער תכלית השלימות.

בא. לכאו' איז ניט פארשטאנדיק:

דער ענין פון סנהדרין איז דאך - לימוד התורה, ובפרט ווי דער רמב"ם איז מבאר, אז דער תפקיד פון "בית דין הגדול שבירושלים" (וואס דאס זיינען די סנהדרין וואס מקומם איז לעבן לשכת הגזית) איז צו לערנען תורה מיט אלעמען, און פארנעמען זיך מיט פארענטפערן שאלות וקושיות וכו' - איז ווי קומט עס אז זיי דארפן מחזר זיין בכל עיירות ישראל?

קען מען זאגן די הסברה בזה, לויט דעם וואס די גמ' זאגט אין שבת (לא, א-ב) אז "כל אדם שיש בו תורה ואין בו יראת שמים דומה לגזבר שמסרו לו מפתחות הפנימיות ומפתחות החיצוניות לא מסרו לו", ווייל יראת שמים איז "תרעא לדרתא".

ועד"ז בעניננו: די שלימות פון לימוד התורה פון די סנהדרין איז דוקא ווען דאס קומט דורך דער הקדמה פון יראת שמים, וכמאמר אם אין יראה אין חכמה - וואס דא ווערט מיט "חכמה" געמיינט בעיקר - תורה.

ווי מ'געפינט אין גמ' בנוגע צו אלישע בן אבוי', אז ער איז געווען א גרויסער למדן, ביז אז ר' מאיר האט געלערנט ביי אים תורה (אין אן אופן פון "תוכו אכל קליפתו זרק") - אבער מצד סיבות שונות איז ער ניט געווען שייך צו קיום המצוות, ביז אז אויך בנוגע צו מצות התשובה האט מען געזאגט "הוץ מאחר", ווי די גמ' זאגט אין חגיגה, ומבואר בתוספות ובכ"מ.

ביז אז דער לימוד התורה אן הקדמה ליראת ה' קען ברענגען צו גילוי פנים בתורה שלא כהלכה. ער לערנט תורה, און ער איז שייך צו "פנים" פון תורה און צו "מגלה" זיין "פנים" בתורה (ווי תורה אמת איז מעיד אויף אים) - און אעפ"כ איז דאס שלא כהלכה! און ווי די גמ' דערציילט בנוגע צו דואג ואחיתופל וכו'.

משא"כ דורך דער הקדמה פון יראת ה', די תרעא לדרתא, קומט מען צו דעם ענין פון תורה, וואס איז "[illegible]", און מ'איז מגלה פנים בתורה כהלכה.

און דאס איז געווען דער ענין פון מזדר זיין בעיירות ישראל - אויף באווארענען יראת חטא, וואס דאס גיט צו א שלימות אין לימוד התורה.

**נב.** ע"פ האמור קען מען אויך מבאר זיין פארוואס מקומם של הסנהדרין איז געווען בלשכת הגזית:

לשכת הגזית איז דאך סמוך למזבח - און דער ענין פון מזבח איז יראה שמים.

ווארום אויפן מזבח איז דאך געווען הקרבת הקרבנות, וואס ענין הקרבנות איז, ווי מובן בפשטות (ומבואר בספרי מוסר), אז ער איז זובח יצרו ע"ג המזבח, ווי עס שטייט אדם כי יקריב **מכם** גו', אז דער מענטש איז **זיך** מקריב - נאר דאס ווערט אפגעשפיגלט אין דעם וואס מ'טוט מיט דער בהמה. וואס אין עבודת האדם איז דאס ענין התפלה, וואס תפלות במקום קרבנות תקנום.

און דאס גיט א תוקף צו די סנהדרין.

**נג.** און ווייבאלד אז זייער תוקף פון סנהדרין איז מיוסד אויף יראת ה', דעריבער גייען זיי ארום בעיירות ישראל, און רעכענען זיך ניט מיטן אייגענעם צער, און זיינען קושר "חבלים של ברזל במתניהם" - כדי צו ברענגען אידן צום מצב פון יראת ה', שולל זיין חטאים, וואס דאס איז די תרעא לדרתא.

און שפעטער איז דער לימוד התורה אין דעם אופן הכי נעלה.

ביז מ'קומט צו דער דרגא אין יראה וואס איז העכער פון תורה, ווי די גמ' זאגט אין שבת (שם), אז תורה איז א "תרעא" (א טיער) "לדרתא", צו דער דירה, די העכערע דרגא אין יראה, וכמ"ש ויצונו ה"א לעשות את כל החוקים גו' ליראה את ה"א גו'.

**נד.** בנוגע לעניננו:

די הנהגה פון בעש"ט (וואס זיין הילולא אין בחג"ש) איז געווען, אז ער פלעגט ארומפארן בעיירות ישראל, און איינפלאנצן ביי אידן אהבת ה' מיט יראת ה',

וואס דאס איז "חד הוא" מיט אהבת ישראל און דעם בורא-האבן צו טאן א צער צו אידן.

ווייבאלד אז "אהבתי אתכם אמר ה'", ובמילא איז (בסגנון הידוע) "אוהב את מה שהאהוב אוהב".

וכידוע אויך אז "ואהבת את ה' אלקיך" איז פארבונדן מיט "ואהבת לרעך כמוך", ווי מ'זעט אז ביידע ענינים זיינען נכלל אין איין פסוק - "ואהבת לרעך כמוך", ווי רש"י איז מפרש אין גמ' אז "רעך" זה הקב"ה כמ"ש רעך ורע אביך אל תעזוב, און דער פירוש הפשוט פון דעם פסוק איז - אהבת ישראל כפשוטה, ובלשון העולם (כמבואר בהדושי אגדות) "מה דעלך סני לחברך לא תעביד".

ביז ס'איז ידוע דער פתגם פון אלטן רבי'ן אז "ואהבת לרעך כמוך" איז א כלי צו (און איז "חד" מיט) "ואהבת את ה' אלקיך".

און דעריבער איז זיין הנהגה אין אן אופן אז ער איז משוטט בעיירות ישראל:

ע"ד ווי בנוגע לעצמו איז ער זיך משתדל עס זאל זיין שלימות העבודה, ע"ד המבואר לעיל לגבי די סנהדרין, אז מקומם איז בלשכה הגזית סמוך למזבח -

אזוי איז אויך הנהגתו מיט אלע אידן (מצד אהבת ישראל), אז ער גייט ארום בכל תפוצות ישראל און איז מפיץ יראת ה׳, וואס דאס ברענגט צו קיום המצוות, ד.ה. ער לערנט מיט זיי דעם חלק פון תורה וואס איז "לדעת את המעשה אשר יעשון ואלה אשר לא תעשינה".

ביז ער קומט צום חלק הכי נעלה אין תורה, ווען ער האט שוין אפגעלערנט די חלקים אין תורה וואס זיינען נוגע להלכה - ובלשון הגמ׳ אין חולין: יגדיל תורה ויאדיר.

**נה.** די הוראה דערפון:

בהמשך להאמור לעיל, די הוראה פון משה רבנו, וואס תורה צוה לנו משה (דמשה קבל תורה מסיני, בשעת מ״ת, כנ״ל בארוכה) מורשה קהלת יעקב - ד.ה. תורה איז א ירושה וואס באלאנגט צו יעדער איינעם און איינע פון עם ישראל, ווייל זיי זיינען ווי א בן יחיד און א בת יחידה - וואס זיינען יורש הכל, -

איז די הוראה פון הנהגת הבעש״ט והסנהדרין, אז מ׳דארף זען אז דער יורש (וואס דאס איז יעדער איד, כנ״ל) זאל קריגן א גוטן חינוך, וואס זאל שולל זיין דעם ענין וואס קען פוגע זיין אין דער שלימות פון די סנהדרין, וואס זיצן אין ביהמ״ק און זיינען סמוכין איש מפי איש עד משה רבינו.

לכאו׳ קען מען פרעגן: מ׳געפינט זיך דאך אין דער צייט וואס אין ביהמ״ק קיים, און גליבו מארצנו, עאכו״כ די וואס געפינען זיך אין חוץ לארץ?

איז אבער "התורה היא נצחית", און יעדער ענין אין תורה איז א הוראה נצחית לכל מקום וזמן ולכל איש ואשה בישראל.

ובנוגע לפועל:

זיכער איז יעדערער זיך משתדל עס זאל זיין בילם אים שלימות עצמו - דארף ער וויסן, אז אמת׳ע שלימות עצמו איז פארבונדן דערמיט וואס ער באווארנט אז אלע אידן בכל עיירות ישראל זאלן ניט נכשל ווערן אין אויספירן דעם רצון פון אויבערשטן.

**נו.** האמור לעיל איז דאך שייך במשך כל השנה; עס זיינען אבער פאראן ימים מיוחדים בשנה, וואס ווערן אנגערופן ימים טובים.

וואס דעמאלט איז א מ״ע מן התורה עס זאל זיין "מועדים לשמחה", ביז ווי עס ברענגט זיך אין פוסקים, אז דער חיוב שמחת יו״ט איז בתקפו אויך בזמן הזה און בהו״ל; מערניט וואס דארטן איז ניטא דער ענין פון אכילת בשר, מ׳איז יוצא מיט שתיית יין וכו׳ - כמבואר אין הל׳ יו״ט בכלל, און אין שו״ע פון אלטן רבי׳ן בסיום הל׳ יו״ט.

און ווילבאלד אז בימים אלה איז מצות היום בשמחה, איז מובן אז דאס איז פארבונדן מיט משמח זיין את הזולת - ווי דער רמב״ם שרייבט, אז אויב ער איז שמח אליין, איז דאס שמחת כריסו, ניט קיין שמחה אמיתית, נאר עס מוז זיין "אתה ובנך וגו׳" - די "חמשה שלך".

**נז.** קען מען לכאו׳ מיינען, אז דערמיט איז מען יוצא - אויף דעם קומט די הוראה פון הנהגת הבעש״ט און זאגט: ניין! דאס זיינען "חמשה שלך"; דו מוזט אבער גיין בכל עיירות ישראל, אויף באווארענען יעדער אידן וואס עס קען זיין א ספק טאמער ווען זיי פעלן אין "מועדים לשמחה",



הנחות [illegible] בלתי מוגה

וואס דאס איז א "ספיקא דאורייתא", ווארום די מצוה פון שמחה איז מדאורייתא, און דער היוב פון "הוכח תוכיח" און "ואהבת לרעך כמוך" איז מדאורייתא,

און זען איב זאל ניט פעלן אין שמחת יו"ט.

וואס דער חיוב פון שמחת יו"ט איז סיי ביום סיי בלילה (ווי מ'זעט אויך אין דעם וואס אכילת שלמי שמחה קען זיין אויך בלילה), ד.ה. די זיבן טעג און נעכט פון פסח און סוכות, ועד"ז דעם גאנצן מעת-לעת פון שבועות.

איז בשעת מ'דערוויסט זיך אז ס'איז דא א איד וואס געפינט זיך אין א שול במקום פלוני, און אים פעלט אין שמחת יו"ט - גייט מען און מ'מאטערט זיך אויף אנקומען צו אים און מוסיף זיין בשמחתו.

וואס שמחה איז פורץ גדר, ביז עס קען זיין א שמחה "עד דלא ידע" - הגם אז יו"ט איז בלי"ד שולחים שלוחים אויף מגביל זיין די שמחה, איז אבער עצם ענין השמחה קען זיין אינגאנצן למעלה ממדידה והגבלה, "עד דלא ידע".

און וויבאלד אז ידע אינש בנפשי' אז וויפל ער זאל נאר ניט זיין בשמחה בזמן הגלות, אין דעם חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא (כמבואר בסוף מסכת סוטה) - קען מען מוסיף זיין אין דער שמחה,

און בפרט אז דאס איז א "פנים חדשות", פון אן אנדער ביהכנ"ס, וואס קומט אין דעם ביהכנ"ס צו משמח זיין אדער צו משתתף זיין זיך אין דער שמחה - וואס א פנים חדשות איז מוסיף אין שמחה, ווי מ'זעט אין דעם ענין פון שבע ברכות.

נה. וכאן המקום והזמן אויף געבן א נתינת תודה צו די אלע משתתפים בהאמור,

וואס "שכר מצוה מצוה", איז דאך דאס די גרעסטע תודה פון דעם אויבערשטן אליין,

ובפרט אויף א שמחה וואס איז פארבונדן מיט זמן מ"ת, וואס מה-דאך אז בכל המצוות דארף זיין ענין השמחה (ווי דער רמב"ם איז מבאר בסוף הל' לולב), עאכו"כ אין א יו"ט וואס איז פארבונדן מיט תורה, וואס ותלמוד תורה כנגד כולם, איז בשעת אז אין אזא טאג איז מען זיך משתתף און מוסיף אין שמחה פון אידן - איז פארשטאנדיק דער "שכר מצוה" דערפון.

וועלן זיי מסתמא זיך משתתף זיין צוזאמען מיט אלע מסובים, און זאגן לחיים מיט א ניגון.

און ביי אלעמען צוזאמען וועט זיין דער "קיימו מה שקבלו כבר", צו מקבל זיין אויף זיך פון דאס ביי די אלע ענינים, ומתוך שמחה וטוב לבב.

נס. בנוגע לפועל:

זאלן אלע משתתפים אין דער תהלוכה זאגן "לחיים", און אויך כל המסובים וואס מ'האט זיי מוצלא געווען - וואס הגם אז "מצוה בו יותר מבשלוחו", איז דאך דאס ניט קיין חסרון אין די וואס האבן מוצלא געווען וכו'... (חסר קצת).

און שמחה פורץ גדר, בפרט א שמחה וואס איז פארבונדן מיט ישראל און תורה און דעם אויבערשטן, וואס "ישמח ה' במעשיו",

וועט זי פורץ זיין גדרי הגלות, און ווי דער רמב"ם שרייבט "ומיד הן נגאלין",

"מילדי" כפשוטו, למטה מעשרה טפחים.

ניט קוקענדיק אויף דעם וואס יעצט איז יו"ט, עס דארף דאך זיין דער שופר של אליהו -

וועט משיח פארענטפערן אויך די קשיא, אויב ער וועט זיין א "פעטאך" און ס'וועט נאך זיין ביי אים די קשיא זעענדיק משיח צדקנו.

ובבנינו ובבנותינו בנערנו ובזקננו, קהל גדול ישובו הנה, לארץ הקודש, ארץ אשר גו' תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה,

במהרה בימינו ממש.

* * *

**ס.** דער סדר איז דאך, אז בסיום ההתוועדות איז מען זיך משתתף אין דעם כינוס-תורה וואס וועט פארקומען גלייך נאך חג השבועות, זמן מ"ת, עכ"פ בקיצור ובנקודות.

און אויך - צו מכריז זיין וועגן די שלשה שיעורים וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט איינגעפירט -

לערנען דעם שיעור חומש בכל יום (זונטיק פון אנהויב פרשה ביז שני, מאנטיק פון שני ביז שלישי, ועד"ז בשאר ימות השבוע); דאגן יעדן טאג דעם שיעור תהלים ווי דער ספר תהלים איז מחולק לימי החודש; און לערנען דעם שיעור תניא ווי ס'איז מחולק לימות השנה דורך נשיא דורנו, ווי שוין אויך אפגעדרוקט דער מורה שיעור.

זאל טאקע זיין דער לימוד שלשת השיעורים האמורים יעדן טאג, וכידוע די שיחה וואו כ"ק מו"ח אדמו"ר האט מבאר געווען און מסביר געווען די מעלה פון דעם ענין מצד עצמו, און מעלת השכר.

וואס ווילבאלד דער טאג פון מ"ת איז א יום כללי על כל השנה כולה, בפרט בנוגע צו עניני תורה, איז מובן די שייכות פון דעם טאג צו שיעורים בתורה.

**סא.** וכמדובר כמה פעמים, אז די שלשת השיעורים הנ"ל זיינען פארבונדן מיט משה רבינו, דוד המלך, און דעם בעש"ט:

דער שיעור פון חומש איז פארבונדן מיט משה רבנו, ווארום משה קיבל תורה מסיני;

דער שיעור תהלים איז פארבונדן מיט דוד המלך, וואס האט געשריבן ספר תהלים;

און דער שיעור תניא איז פארבונדן מיטן בעש"ט - כידוע, אז דאס וואס דער אלטער רבי שרייבט אין שער הספר אז דאס איז "מפי ספרים ומפי סופרים", איז פאראן א קבלה, אז מיט "מפי סופרים" ל' רבים מיינט דער אלטער רבי דעם בעש"ט און דעם מגיד.

ובפרט ע"פ הידוע, אז מיט די ווערטער "וכעת ישמח ישראל" וואס שטייען אין דער הסכמה על התניא, איז מען מרמז אויפן בעש"ט, ביז אז דער ווארט "ישראל" איז געדרוקט געווארן באתוון רברבין אין דעם ערשטן דפוס, און אזוי איז דאס איבערגעגאנגען מהדפסה להדפסה.

ויהי רצון, אז דער לימוד אין די שיעורים האמורים זאל זיין א יסוד צו לימוד התורה בכלל; ווארום דאס זיינען דאך נאר שיעורים, און עס דארף זיין הוספה אין לימוד התורה, און אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור,

וכמבואר אין הל' ת"ת דער חיוב אין לימוד התורה וואס איז מוטל על כל אחד ואחד, יעדערער לפום שיעורא דיליה, וכל המוסיף מוסיפין לו וכו'.

זאל מען מוסיף זיין אין דעם לימוד, או אויך אין די שיעורים הקבועים וואס זיינען געווען פאר מ"ת זאל צוקומען אין אן אופן אז עס זאל ווערן א לימוד חדש, ווארום מ'האט דאך מקבל געווען די תורה פון דאס ניי בזמן מ"ת.

**סג.** ובנוגע למעשה בפועל - זאל זיין די הוספה אין לימוד התורה, סיי תורה שבכתב סיי תורה שבע"פ, נגלה דתורה ופנימיות התורה, און "שכר מצוה מצוה", אז דורך דעם ווערט "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" ביז מ'ברייגט אראפ דעם לימוד אין מעשה בפועל, קיום המצוות.

און דאס איז כולל אויך צו משפיע זיין בכל מקום שידו מגעת ענינים פון תורה ומצוות.

ביז אויך "מאחורי מסך הברזל", וואס אויך דארטן קען מען דערגרייכן עכ"פ ניט במישרין:

וויבאלד אז אלע אידן זיינען כגוף אחד, איז ע"ד ווי מ'זעט ביי א גוף, אז ווען עס קומט צו אין געזונט פון איין חלק פון דעם גוף - קומט צו אין געזונט פון די אנדערע חלקים; עד"ז איז ביי עם ישראל, אז וויבאלד זיי זיינען ווי א גוף אחד דורך אהבת ישראל, און ווערן אויך נתאחד דורך תורה אחת ומצוה אחת וואס איז געגעבן געווארן דורך ה' אחד - איז בשעת ס'קומט צו אין א חלק פון דעם גוף אחד, אין "מקצתו", קומט צו אין כל חלקי הגוף, ביי אלע אידן.

וואס דאס איז נוסף אויף דעם וואס מ'קען פועל'ן אויף די אידן (שמאחורי מסך הברזל) באופן ישר - דורך בריוו און פעקלאך און פארער'ס וכיו"ב, סיי בגשמיות סיי ברוחניות.

און די נקודה פנימית איז, כאמור, אז יעדער איד דארף וויסן אז ער איז ניט אליין ח"ו, נאר איז א חלק פון גאנץ עם ישראל בכל קצוי תבל, און איז פארבונדן מיט זיי דורך תורה וואס היא חיינו ואורך ימינו, און "אורייתא וקוב"ה כולא חד", "הוא ית' וחכמתו אחד" - במילא ווערט ישראל ע"י אורייתא דקוב"ה כולא חד.

**סד.** און דאס וועט ברייגנען סוף סוף דעם גילוי פון "והי' ה' למלך על כל הארץ, ביום ההוא יהי' ה' אחד ושמו אחד", "כשם שאני נכתב אני נקרא", ווי די גמ' זאגט אין פסחים - ד.ה. אז דער שם הוי' וועט זיין ניט נאר על גבי הניור והקלף, נאר בקרוב ממש וועט מען קורא זיין דעם שם ככתבו.

בביהמ"ק השלישי, שיבנה בקרוב ממש ע"י משיח צדקנו, ווי דער רמב"ם פסק'נט בספרו יד **החזקה** - וואס איז דער חוזק פון תורה, וואס תורה ווערט אנגערופן עוז כמ"ש ה' עוז לעמו יתן גו', און ישראל זיינען דאך עזין שבאומות, און "העוז והענוה - לחי עולמים" -

גיט דער אויבערשטער דעם "עוז" צו אידן זיי זאלן שולט זיין על כל העולם כולו בסיום הגלות,

און פארברענגען די ווענט פון גלות, "קץ שם לחושך", דורך "נר מצוה ותורה אור", וואס דורך דעם ברייגנגט מען דעם "אור הוי'", כמ"ש בית יעקב לכו ונלכה באור הוי', בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

**סה.** די השתתפות אין דעם כינוס תורה, וכאמור, בקצרה ובנקודות:

צום אלעם ערשטן איז כאן המקום צו משלים זיין וואס מ'האט גערעדט (בערב שבועות) וועגן די ד' כתות שאינן רואות פני השכינה, וואס איינע פון זיי איז "כת חנפים".

וואס לכאו' איז די שאלה פארוואס זאגט מען דעם לשון "אינן רואות", בשעת דער לשון הגמ' (אין סנהדרין און סוטה) איז "אין **מקבלות**"?

איז דאס ע"פ וואס ער איז מפרש אין ראשית חכמה שער הקדושה ריש פרק י"ב, וואס דארטן ברענגט ער פריער דעם לשון חז"ל הנ"ל, "אינן מקבלות", און איז ממשיך בלשונו "אינם רואים".

**סו.** די הסברה בזה פארוואס מ'האט גענוצט דוקא דעם לשון פון ר"ח:

דער לשון פון **קבלת** פני השכינה איז מדגיש דעם ענין **השכר**, ד.ה. זיי האבן ניט דעם שכר פון קבלת פני השכינה; משא"כ דער לשון פון **ראית** פני השכינה איז מדגיש די פעולה בעוה"ז (ניט קבלת פני השכינה בעוה"ב).

און דאס איז וואס דער ר"ח איז ממשיך ומפרש דעם לשון חז"ל, אז די ד' כתות זיינען פועל אויך בעוה"ז אין אן אופן וואס "אינם רואים פני השכינה".

איז וויבאלד עס האט זיך גערעדט וועגן דער פעולה פון די "כת חנפים" דא אין עוה"ז, ווי זיי פועל'ן אויף אידן און אויף דער וועלט בכלל, איז ניט נוגע וואס איז מיט זייער שכר - נאר אז בעוה"ז איז פעולתם אין דעם אופן פון "אין רואים פני השכינה", כנ"ל בארוכה.

**סז.** - נאך א דיוק איז דא אין דעם וואס מען האט גערעדט (שם) וועגן "אתם קרויים אדם", אז "אבל לא נבראתי אלא לשמש את קוני" - וואס אין דערויף האט מען מדייק געווען, אז דער לשון "לא כו' אלא כו'" מיינט, אז דאס איז לעיכובא אפילו בדיעבד, כמובן פון דער גמ' אין מנחות.

ולכאו' איז די גירסא אין מסכת קדושין (בסופה), סיי אין בבלי סיי אין ירושלמי, "אני נבראתי לשמש את קוני" (אבל בכת"י וטיקן (דפוס צילום - ירושלים, תשל"ד) מס' 111 הגירסא בגמ' (משא"כ במשנה) היא "ואני לא נבראתי אלא לשמש את קוני"), - און ניט "**לא** נבראתי **אלא** כו'"?

איז דאס ניט קיין חידוש (ח"ו) - נאר אזוי איז די גירסא אין ילקוט שמעוני אויף דעם פסוק אין ירמי' וואס ברענגט זיך דא אין קדושין אויף "אלא שהרעותי את מעשי וכו'" - "כל עונותיכם הטו גו'" - וואס דארטן איז דער לשון "אני **לא** נבראתי **אלא** לשמש ליוצרי",

און דאס איז דער מקור על המדובר, וואס דער ילקוט שמעוני איז דאך א בר-סמכא, ובפרט אז ער ברענגט דאס בשם ר' שמעון בן אלעזר (אזוי ווי אין מסכת קדושין, אין בבלי און אין ירושלמי).

**סח.** ע"פ האמור איז דאך אבער דורש ביאור דער שינוי הגירסאות פון גמ' און ילקוט -

ובפרט אז דאס איז א גרויסער שינוי, ס'איז א חילוק צווישן לכתחילה און בדיעבד.



הנחה פרטית בלתי מוגה

נאך מער: דער מהרש"א שטעלט זיך טאקע אין גמ', און פרעגט "קשה שינוי לשון לא נבראו אלא לשמשני הוה לי' למימר נמי ואני לא נבראתי אלא לשמש קוני"? (און מאיזה טעם שיהי', ברייננגט ער ניט דעם ילקוט שמעוני).

און ער איז מבאר פארוואס עס שטייט ניט דער לשון.

איז לפי האמור מוז מען זאגן אז זיין הסבר איז שייך נאר אין דעם ענין וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין גמ', און איז ניט שייך אין דעם אופן המדובר אין ילקוט.

ולכאו' אין וואס באשטייט די נפק"מ צווישן די גמ' מיטן ילקוט: ביידע רעדן וועגן אידן, און ביידע זיינען בשם רשב"א - במילא קען מען ניט זאגן אז ס'איז א חילוק אין שיטה.

**סס.** איז די הסברה בזה:

דער מהרש"א איז מסביר אז דאס וואס בא בהמות וחיות שטייט "לא נבראו אלא לשמשני" איז ווייל "הם מוכרחים בבריאה על ענין מעשיהם וצרכיהם לאדם", "אבל האדם שיש לו בחירה לא אמר האי לישנא אלא אני נבראתי לשמש קוני לפי בחירתי הטובה".

אין אנדערע ווערטער: דאס וואס חי' ועוף זיינען באשאפן געווארן "לשמשני", איז דאס אזוי בטבע בריאתם, און זיי האבן ניט קיין בחירה אויף דעם - דעריבער שטייט דער לשון "לא נבראו אלא לשמשני", ווייל דאס איז לעיכובא, עס קען ניט זיין קיין אנדערער אופן;

משא"כ א איד איז דאך א בעל בחירה, במילא קען מען אויף אים ניט זאגן "לא נבראתי אלא לשמש את קוני", ווייל גאנץ תורה ומצוות איז מיוסד אויף בחירה חפשית, אז עס קען זיין "ובחרת בחיים" און עס קען זיין די בחירה אין דעם היפך (ח"ו) - במילא, אויב מ'וועט זאגן "לא כו' אלא כו'" פאלט אפ דער גאנצער ענין פון תורה ומצוות. דעריבער איז דער לשון "אני נבראתי לשמש את קוני" סתם.

לפי זה איז מובן בפשטות, אז דאס וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" מיינט אז אזוי איז מצד טבע בריאתו, ווי דער רמב"ם שרייבט אז יעדער איד וויל בטבעו לקיים רצון קונו - תורה גיט אבער אן ארט אויף היפך, "הרוצה לטעות יטעה", כדי ס'זאל זיין ענין הבחירה, ד.ה. אז ע"פ טבע הבריאה איז טאקע "נבראתי לשמש את קוני", אבער ניט "לא נבראתי אלא לשמש את קוני".

במה דברים אמורים - ווען ס'רעדט זיך וועגן **טבע בריאתו**; אבער ווען מ'רעדט וועגן **תכלית** בריאתו - איז א משנה מפורשת אין פרק קנין תורה (און רשב"י קען ניט קריגן אויף דעם) "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו, שנאמר כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו", ד.ה. אז אלץ וואס איז נברא געווארן, כולל אויך דער מענטש וואס ער איז בחיר הנבראים - איז "לא בראו אלא לכבודו".

ואדרבה: ווילבאלד "בראשית - בשביל ישראל שנקראו ראשית", אז די גאנצע בריאה איז "בשביל ישראל" - קען מען דאך ניט זאגן אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו" איז ניט כולל אידן! דער חידוש איז אז אפילו חי' ועוף זיינען אויך באשאפן געווארן "לכבודו" - אבער אידן וואס אתם קרויים אדם, און "מוסיפין כח בגבורה של מעלה" (כמבואר אין די מאמרים מיוסד אויף די מאמרים פון הרע"ז) - איז זיכער אז "לא בראו אלא לכבודו".

**ע.** און דאס איז דער חילוק צווישן דעם ילקוט מיט דער גמ':



הנחה פרטית בלתי מוגה

דער ילקוט רעדט וועגן דער **תכלית** פון בריאת האדם - דעריבער זאגט ער "אני לא נבראתי אלא לשמש ליוצרי", ע"ד ווי במשנה הנ"ל (אין אבות) אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו";

משא"כ די גמ' רעדט וועגן **טבע** הבריאה, דעריבער איז דער לשון "אני נבראתי לשמש את קוני", כנ"ל מהמהרש"א.

**עא.** דערביי קומט צו נאך אן ענין - וואס אין דעם זעט מען ווי פנימיות התורה איז מוסיף אויף נגלה דתורה, און ממתיק די ענינים פון נגלה דתורה:

ס'איז ידוע דאס וואס "חכמי האמת" האבן געזאגט (און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין תניא (ספל"ט) און אין הל' ת"ת (פ"ד ס"ג) וואס איז א חלק פון שו"ע - און איז דאס סומך אויף א פסוק), אז "בודאי סופו (פון יעדער אידן) לעשות תשובה", "כי לא ידח ממנו נדח".

ד.ה. אז ס'איז פאראן א הבטחה פון דעם אויבערשטן, אז וואס ער זאל נאר ניט בוחר זיין - איז אבער סופו לעשות תשובה.

וואס דאס איז אן ענין וואס איז בטבע בריאתו - אז סופו לעשות תשובה.

דאס איז אויך דער ביאור אין דעם דין פון כופין אותו עד שיאמר רוצה אני, וואס יעמאלט ווערט דאס געגרעכנט אז דאס איז **רצונו** - סיי בנוגע צו קרבנות, וואו עס שטייט **לרצונכם** תזבחו; סיי בנוגע א גט וואס מוז זיין לדעתו - דלכאו': ער שרייט ככרוכיא אז ער וויל ניט! נאר דורך דעם וואס כופין אותו און מ'איז אים מלקה וכו' זאגט ער "רוצה אני"; איז מיט וואס איז עס רצונו?

זאגט דער רמב"ם אז דאס איז אמיתית רצונו פון יעדער אידן, מערביט וואס יצרו הוא שתקפו.

וואס דא זעט מען אז ס'איז ניט נאר די תכלית הבריאה שלו - נאר דאס איז **טבע** בריאתו - אז "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני", זיין גאנצע מציאות איז נאר "לשמש את קוני".

[**ויש לקשר צווישן** די צוויי דוגמאות האמורות אויפן ענין פון "כופין אותו עד שיאמר רוצה אני" - גט און קרבנות:

דער ענין פון קרבנות איז א "שידוך" צווישן אידן מיטן אויבערשטן, און פון עבירות קומט דער "ספר כריתות";

וכידוע הביאור בענין הקרבנות, אז דאס איז דער קירוב פון אידן צום אויבערשטן, ווי דער רמב"ן איז מבאר, אז דער בעל הקרבן דארף זיך מצייר זיין כאילו אלץ וואס טוט זיך מיט דער בהמה וכו' איז געטאן געווארן צו אים, נאר דער אויבערשטער ברחמיו האט דאס געביטן אויף א בהמה וכו'; אויך איז דער ענין הקרבנות - אז דעם מובחר שבו גיט ער אפ צום אויבערשטן, כמ"ש את קרבני לחמי לאישי, "רעיתי - פרנסתי", "ישראל מפרנסין לאביהם שבשמים" מיט די קרבנות - וואס דער ענין הקרבנות איז ע"ד ווי א מאכל וואס ווערט איינס מיטן אויבערשטן].

**עב.** לפי האמור אז דער ענין פון "לא נבראתי אלא לשמש את קוני" איז בטבע הבריאה פונעם מענטשן - ווערט דאך די שאלה אויף צוריק: פארוואס איז אין גמ' דער לשון "אני נבראתי לשמש את קוני", ובפרט לפי ביאור המהרש"א הנ"ל, אז ס'קען ניט שטיין "לא כו' אלא כו'", ווייל ס'איז דא בחירה חפשית?

איז דער ענין ווערט אויך באווארנט בזה אין די ווערטער פון חכמי האמת הנ"ל ווי עס ברענגט זיך אויך אין תניא און הל' ת"ת:

דאס וואס "בודאי סופו לעשות תשובה" - איז "בגלגול זה או בגלגול אחר", ד.ה אין הכי נמי סופו לעשות תשובה, די **נשמה** וועט טאקע תשובה טאן - מ׳ווייסט אבער ניט צי דאס וועט זיין בגלגול זה אדער בגלגול אחר, ד.ה. ס׳קען זיין אז די נשמה וועט תשובה טאן אויף די חטאים וואס זי האט געטאן אין דעם גוף בשעת זי וועט זיין אין אן אנדער גוף - ובמילא איז די תשובה ניט פארבונדן מיטן גוף הקודם.

במילא איז מובן, אז דאס וואס "אני לא נבראתי אלא לשמש ליוצרי", איז מצד הנשמה, ווארום "נשמה שנתת בי טהורה היא אתה בראתה כו׳";

און דאס וואס אין פשש"מ גילט "לא ידח ממנו נדח" אויך אויפן גוף - איז מובן ע"פ המבואר בזהר בענין תחה"מ, אז די נשמה וועט אויפשטיין מיט דעם גוף אין וועלכן זי האט מקיים געווען תומ"צ (- ראה תשובות וביאורים ע׳ 54-55).

**עג.** נאך אן ענין בקיצור, וואס איז פארבונדן מיט מ"ת:

די גמ׳ זאגט אין ברכות (כב, א): "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע (דכתיב וירא העם וינועו וגו׳ (פרש"י ברכות שם)) אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע".

וואס די פיר לשונות (אימה, יראה, רתת און זיעה) באווייזן אויף פיר מעמדים ומצבים בנפש, כמבואר בכ"מ, אז זיי זיינען שמות נרדפים מיט א חילוק ביניהם.

דער אריז"ל איז מבאר באריכות די פיר לשונות ע"פ נשמת הענינים - אז די פיר לשונות זיינען כנגד די ד׳ אותיות פון שם הוי׳, און ער פארבינדט עס אויך מיט דער פירוש כפשוטו אין די פיר לשונות:

"אימה" גילט אויף פנימיות הנשמה, וואס דאס איז דער הרגש פון יראה אמיתית - יראת הכבוד ויראת הבושה (העכער פאר "יראה" סתם) - כנגד דער יו"ד פון שם הוי׳;

ביז "זיעה" - וואס "זיעה" מיינט פשוט שוויצן וואס דאס איז פסולת הגוף, כמבואר אין ספרי מוסר און אין ספרי חסידות ווי עס איז בגשמיות הענינים, וע"ד דער לשון "**זיעתן** של חיות הקודש", עד"ז בא דעם אדם,

קומט אויס אז "זיעה" איז דער חלק התחתון שבגוף האדם - דערפאר איז עס כנגד דער ה"א אחרונה פון שם הוי׳ (בערך צו די ג׳ אותיות ראשונות דשם הוי׳).

ובכללות - איז מ"ת געווען פארבונדן מיט די פיר מצבים וענינים: "באימה וביראה וברתת ובזיע", און דערפון לערנט מען אפ אז בכל פעם ופעם וואס א איד לערנט תורה דארף זיין "אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע".

**עד.** דאס איז אבער אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

דער רמב"ם איז מבאר אין הל׳ לולב (בסופו), אז בשעת א איד איז מקיים א מצוה דארף ער זיין בשמחה גדולה, און ס׳איז ניט מספיק די שמחה גדולה דערפון וואס ער איז מקיים א מצוה פון דעם אויבערשטן, נאר דער רמב"ם איז מסיים אז די שמחה דארף זיין ווי ס׳איז געווען בא דוד המלך: "והמלך דוד מפזז ומכרכר לפני ה׳ וגו׳", און עד"ז דארף זיין בכל מצוה אן קיין חילוק.

ס׳איז דאך אבער פארשטאנדיק אז בשעת עס קומט "מועדים לשמחה", וואס דעמאלט איז דער מצוה אליין - שמחה - איז די שמחה גדולה יותר ווי די שמחה בשעת מ׳איז מקיים א מצוה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ווי ס׳איז בּאַרשטאַנדיק פון דעם וואס דער רמב"ם גופא זאגט פריער אין הל׳ לולב (פ"ח הי"ב) אז "אף על פי שכל המועדות מצוה לשמוח בהן, בחג הסוכות היתה במקדש יום שמחה יתירה שנאמר ושמחתם לפני ה׳ אלקיכם שבעת ימים כו׳", און ווי די גמ׳ זאגט אז "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה בימיו",

וואס דערפון קומט אויס אז עס זיינען דא כמה דרגות אין שמחה - די דרגא פון "מועדים לשמחה" וואס איז דא בכל יו"ט, און דערנאך די "שמחה יתירה" וואס איז געווען בחגה"ס.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז ס׳איז קיין סתירה ניט דערפון וואס דער רמב"ם זאגט אז אלע תומ"צ דארף מען מקיים זיין מתוך שמחה גדולה, מיט דעם וואס מ׳זאגט "מועדים לשמחה" -

ווי דער רמב"ם באווארנט דאס אליין פריער, אז עס שיינען דא כמה אופנים און דרגות אין שמחה - די שמחה אין קיום המצוה, וואס דאס איז שמחה סתם, "מועדים לשמחה" און שמחה יתירה בחגה"ס.

**עה.** דערפון איז פארשטאנדיק אז אן ענין וואס איז כולל כל המצוות כולם, וואס דאס איז דער ענין התורה - "תלמוד תורה כנגד כולם", און "תלמוד גדול" איז "מביא לידי מעשה" - דארף מען זיכער מקיים זיין מתוך שמחה גדולה,

ועאכו"כ אן ענין פארבונדן מיט מתן תורה ("מה להלן כו׳ אף כאן") וואס דאס איז כללות כל התורה - דארף זיכער זיין בשמחה גדולה ביותר.

ווארום דאס איז אין זיך כולל יעדער מצוה, וואס יעדער מצוה דארף מען מקיים זיין מיט א שמחה גדולה, און דאס איז אויך כולל די מצוה פון "ושמחתם לפני ה׳ אלקיכם שבעת ימים", די "שמחה יתירה" פון שמחת בית השואבה.

איז לפי"ז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק וואס די גמ׳ זאגט אז מתן תורה איז געווען "באימה וביראה וברתת ובזיעה", און ס׳איז ניט נאר געווען אזוי איין מאל בא מ"ת - נאר דערפון לערנט מען אפ אז בכל פעם ופעם ווען א איד לערנט תורה דארף זיין "אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיעה".

ביז אז דערפון קומט אויך ארויס א נפק"מ להלכה: אויב ס׳איז ניט שייך דער ענין פון "באימה וביראה וברתת ובזיעה" - צי מ׳קען לערנען תורה אדער ניט [להלכה בפועל איז דער דין אדער אזוי אדער אזוי, אבער אין די גמ׳ איז דא דער מאי בינייהו] -

וואס "באימה וביראה וברתת ובזיע" איז פונקט פארקערט פון דער ענין השמחה?!

**עו.** ס׳איז קיין קשיא ניט פון דעם וואס עס שטייט אין פרקי אבות (פ"ו מ"ו) אז צווישן די מ"ח דברים וואס "התורה נקנית בהם" איז דא סיי דער ענין פון "באימה" און "ביראה" און סיי דער ענין פון "בשמחה" -

ווארום דארטן רעדט זיך ניט אז די אלע מ"ח דברים זיינען בבת אחת, וע"ד ווי דער ענין פון "האומר דבר בשם אומרו", און "דיבוק חברים", און "פלפול התלמידים" - זיינען בזמנים שונים: "האומר דבר בשם אומרו" איז אין איין זמן, און "דיבוק חברים" און "פלפול התלמידים" איז אין אן אנדער זמן,

איז קיין קשיא ניט בשעת מ׳זאגט אז תורה דארף זיין "באימה" אין איין זמן און "בשמחה" אין אן אנדער זמן;

מטא"כ בענינננו - איז פון איין זייט זאגט די גמ' אז בשעת א איד זיצט און לערנט תורה דארף עס זיין "באימה וכו'", און אין דער זעלבער צייט איז פארשטאנדיק פון דעם רמב"ם אז עס דארף זיין בשמחה גדולה ביותר, ווארום מה-דאך אז יעדער מצוה פרטית דארף מען מקיים בשמחה גדולה, עאכו"כ די מצוה פון "ושמחתם לפני ה' אלקיכם", וואס זיי זיינען פרסים אין מ"ת - איז עאכו"כ אז א ענין וואס איז פארבונדן מיט דער עצם ענין פון מ"ת, "מה להלן כו' אף כאן כו'", דארף זיכער זיין בשמחה גדולה ביותר.

**עז.** מ'וואלט דאס לכאו' געקענט פארענטפערן ע"פ די גמ' אין שבת (ל, ב), אז אײדער מ'הויבט אן לערנען תורה, "דבר הלכה", "מקמי דפתח", דארף עס זיין מתוך שמחה, און דערנאך "לבתר דפתח", דארף עס זיין מתוך אימה, "שפהותיו נוטפות מר - אל תקרא מור אלא מר", "זרוק מרה בתלמידים".

וואס דערפאר איז "רבה מקמי דפתח להו לרבנן אמר מילתא דבדיחותא ובדחי רבנן, לסוף יתיב באימתא ופתח בשמעתא".

ועד"ז קען מען לכאו' ענטפערן בעניננו:

דער ענין פון שמחה גדולה אין לימוד התורה דארף זיין אײדער מ'הויבט אן לערנען תורה, "מקמי דפתח"; און לימוד התורה "באימה וביראה וברתת ובזיעה" איז נאך דעם וואס מ'האט שוין אנגעהויבן לערנען תורה, "לבתר דפתח".

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום מ'זעט בפועל אז אמיתית ענין השמחה קומט ניט אײדער מ'הויבט אן לערנען תורה, נאר דוקא בשעת מ'לערנט תורה:

בשעת מ'לערנט תורה קומען צו נייע ענינים וואס מ'האט ביז דעמאלט ניט געוואוסט, ועד"ז אן ענין וואס איז ביי אים פריער געווען א ספק, ווערט דערנאך נפהר דער ספק דורך דערויף וואס ער לערנט נאך אן ענין במילא קומט ביי אים צו נאך א סברא -

איז דאס דעמאלט די גרעסטע שמחה וואס קען זיין, ווי עס שטייט אין ספרי מוסר אז "אין שמחה כהתרת הספיקות" (און ווי מ'איז דאס מבאר בעבודת האדם).

נאך מער:

דער ירושלמי אין שבת (פ"ח ה"א) דערציילט, אז ר' אבוה איז אמאל געקומען קיין טבריא, "רבי אבהו נחת לטבריא, חמוני' תלמידוי דר' יוחנן אפוי נהירן, אמרון קומי ר' יוחנן: אשכח ר' אבוה סימה (לכך פניו צהובין (קה"ע)), אמר לון: למה? אמרין לי': אפוי נהירין, אמר לון דילמא אורייתא חדתא שמעתה, סליק לגבי' א"ל מאי אורייתא חדתא שמעת, א"ל תוספתא עתיקתא", און ווי מפרשים טייטשן אפ: "תוספתא ישנה שלא ראה אותה מימיו מצא וראה בה דברים חדשים ושמח בה".

וואס דערפון זעט מען אז דוקא באמצע הלימוד איז דא דער ענין השמחה אין לימוד התורה, דורך דעם וואס עס קומט צו בא דעם אדם הלומד א דבר חדש אין תורה ("אורייתא חדתא"), אדער א פארטיקע זאך אין תורה וואס ער האט ביז דעמאלט ניט געוואוסט דערפון ("תוספתא ישנה").

ביז אז דאס פועל'ט בא אים א שמחה עד כדי כך אז אנדערע ארום אים מיינען אז ער האט געפונען אן אוצר גדול ("סימה").

וואס לפי"ז ווערט צוריק די קשיא הנ"ל: ווי קען זיין צוזאמען אין לימוד התורה סיי דער ענין השמחה און סיי דער ענין פון "באימה וביראה וברתת ובזיעה" - זיי זיינען דאך צוויי פונקט פארקערטע ענינים?!

**עח.** די הסברה בזה (עכ"פ בנקודת הענין):

עס שטייט אין מס' סופרים (פט"ז ה"ב) אז אין תורה זיינען דא כמה פנים: "פנים של אימה למקרא, פנים בינוניות למשנה, פנים שוחקות (שמחות) להש"ס, פנים מסבירות לאגדה".

וואס דער פירוש אין דעם איז - אז דער אופן הלימוד פון מקרא איז מתוך אימה, און דער אופן הלימוד פון ש"ס (גמ') איז מתוך שמחה וכו'.

והביאור בזה:

בשעת מ'זאגט אז "פנים של אימה למקרא", אז דער אופן ווי מ'לערנט מקרא איז מתוך אימה - איז דאס ניט נאר בנוגע צו לימוד המקרא כפשוטו, נאר אויך בנוגע צו לימוד הג' און משנה אין אן אופן פון מקרא, ד.ה. בשעת מ'לערנט גמ' און משנה אין אן אופן פון מקרא דארף עס זיין מתוך אימה.

לימוד התורה אין אן אופן פון מקרא איז - ווי דער אופן הלימוד פון א תלמיד וואס איז מקבל מרבו, וואס ביי אים דארף זיין בלשון הידוע "שפתותיו נוטפות מר", ער איז יושב בביטול כתלמיד לפני רבו, אינגאנצן ניט קיין מציאות בפ"ע.

ואדרבה, אויב ביי אים איז דא אן ענין פון ישות וגאוה - איז דאס א מרידה ברבו, און עס קומט דעם תלמיד אן עונש הכי גדול.

והטעם לזה:

אויב ביי דעם תלמיד זיצנדיק לפני רבו איז דא עפעס פאר א מציאות - ווערט ער אויס תלמיד, ווארום די קבלה פון רבו איז ניט בשלימות, דערפאר וואס יעדער זאך וואס רבו זאגט איז ער בוחן בשכלו אויב דאס איז אזוי, אדער אפשר איז דאס קאפויר, היפך דער ענין פון נעשה קודם לנשמע.

און אמת'ער תלמיד איז ער דוקא ווען ער זיצט לפני רבו בביטול המציאות לגמרי, וואס דעמאלט איז דער קבלה זיינער מרבו בשלימות.

**עט.** ועד"ז איז דער ענין פון (לימוד) מקרא:

דער דין בא מקרא איז - אז אפילו לא ידע מאי קאמר, און ער חזר'ט אדער הערט נאר ווערטער פון תושב"כ - איז ער יוצא ידי חובתו אין מצות תלמוד תורה ע"פ שו"ע, ביז אז ער דארף מאכן ברכת התורה.

וואס דאס איז דערפאר וואס אין לימוד מקרא איז ניט נוגע זיין מציאות און זיין שכל, ואדרבה - זיין מציאות ושכל איז נאר מבלבל, "אילדי דטריד למיבלע לא פליט" (ראה חולין ח, ב. רד"ה בששה"ק תרס"ג).

ער זיצט אינצטער ווי א תלמיד וואס הערט פון רבו תורה, במילא איז ער "באימה וביראה וברתת ובזיע" - אינגאנצן בטל ממציאות שלו, ער וויל נאר הערן וואס רבו האט צו זאגן.

פארוואס שטייט ער אין אזא מעמד ומצב אינצטער - דערפאר וואס "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיעה אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע":

בא מ"ת זיינען אידן געשטאנען בתכלית הביטול, "על כל דיבור ודיבור פרחה נשמתן", ווארום זיי זיינען געווען תלמידים וואס זיינען מקבל מרבם, וואס דעמאלט דארף זיין "שפתותיו נוטפות מור - אי"ת מור אלא מרי", אז מ'שטייט "באימה וביראה וברתת ובזיע", בביטול בתכלית.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דערפאר איז "אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע":

בכל הזמנים ווען א איד לערנט תורה דארף ביי אים זיין די תנועה פון ביטול, ווי ער זיצט כתלמיד לפני רבו, און דערפאר לערנט ער "באימה וביראה וברתת ובזיעה".

פ. דערנאך אבער, נאך דערויף וואס אידן זיינען אוועק פון דער מעמד ומצב וואו זיי זיינען געשטאנען בא מ"ת - האבן זיי געדארפט לערנען תורה על מנת להבין ולהשכיל מיט זייער שכל וואס זיי לערנען.

ובלשון הרמב"ם "תורה בפירושה ניתנה", וואס "בפירושה" גייט אויף תושבע"פ, און דאס איז געגעבן געווארן בא הר סיני.

אבער דערנאך טאר עס ניט בלייבן אין אן אופן פון "טריד למיבלע" וואס דעמאלט איז "לא פליט", נאר מ'דארף לערנען תורה בהבנה והשגה, ביז "ללמוד וללמד לשמור ולעשות".

וכמדובר כמ"פ (ראה לקו"ש ח"ד ע' 1120 הערה 36) א דוגמא לזה פון מי מעין, וואס זיי זיינען מטהר אפילו במשהו, און לכמה דעות איז א מעין מטהר דוקא בזוחלין, ד.ה. דוקא אויב די מי המעין גייען ארויס פון א צווייטער זייט, אבער אויב עס ענדיקט זיך, האט עס דעמאלט ניט קיין דין פון א מעין.

ועד"ז בנוגע צו תורה: תכלית השלימות פון תורה איז דוקא ווען זי ווערט נמשך אויך צו א צווייטער - "ללמוד וללמד".

וואס בנוגע צו א מקוה קען מען זיך דינגען ווי די הלכה איז - אבער בנוגע צו תורה מוז זיין ללמוד על מנת ללמד אויך צו א צווייטן, און דערנאך על מנת אז עס זאל זיין "ולעשות".

פא. עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די צוויי אופני הלימוד פון מקרא און גמ':

פריער דארף מען אנהויבן מיט "פנים של אימה למקרא": ס'איז ניט נוגע זיינע סברות, ואדרבה, אויב ער וועט מעסטן דעם ענין לויט זיין שכל, וועט ניט ארויסקומען וואס תורה וויל.

דערפאר דארף לכל לראש זיין לימוד התורה אין אן אופן פון למיגרס - אז ער הערט און ווערט א בקי אין לשון, און אין מאמר, און אין דברי הרב.

דערנאך דארף אבער זיין "פנים שוחקות להש"ס":

ער דארף זיך מתייגע זיין אין דעם וואס ער לערנט, ביז אין אן אופן אז די תורה זאל ווערן "נקראת על שמו", וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס ער הארעוועט אין דעם וואס ער לערנט ביז אז דאס זאל זיך אפלייגן ביי אים אין שכל אז דאס איז דער סברא נכונה, איז דעמאלט די תורה "נקראת על שמו".

פב. דערמיט וועט מען פארשטיין א דבר פלא:

מ'געפינט כמה מאמרים פון כמה גדולים, וואס מ'ווייסט אז די מאמרים האט דער גדול געזען אין א געוויסן ספר פון א גדול פאר אים, און אעפ"כ זאגט דאס דער גדול ניט "בשם אומרו"!

איז איין ענטפער אויף דערויף - ע"ד ווי די גמ' (יבמות צו, ב) זאגט בנוגע צו די ענינים וואס יהושע האט געזאגט פון וואס ער האט געהערט פון משה רבינו:

"וכי על כל דבר שאמר יהושע הי' אומר להם כך אמר לי משה?! אלא יהושע יושב ודורש סתם, והכל יודעין שתורתו של משה היא".

ועד"ז בנוגע צו ר' אלעזר און רבו ר' יוחנן (ווי די גמ' איז דארטן ממשיך): "אף ר' אלעזר תלמידך (של ר' יוחנן) יושב ודורש סתם והכל יודעין כי שלך היא".

אבער אעפ"כ האט ר' יוחנן מקפיד געווען אויף דעם וואס ר' אלעזר האט געזאגט א זאך ניט בשמו - ווארום עס קען זיין אז בשעת ר' אלעזר זאגט אבער די תורה (פון ר' יוחנן) וועט זיך אין דערויף אריינמישן זיינע א אייגענע סברא, און לאו דוקא אז עס וועט זיין ניכר וואס איז סברא שלו און וואס איז סברא של ר' יוחנן - איז אויב ער וועט עס ניט זאגן בשם אומרו (בשם ר' יוחנן) וועט מער ניט וויסן אז דאס איז סברת ר' יוחנן.

**פג.** ע"פ המבואר לעיל איז דא נאך אן ענטפער אויף די הנהגה פון כמה גדולים וואס האבן ניט געזאגט ענינים בשם אומרם, כאטש אז זיי האבן געוואוסט אז איינער האט עס געזאגט פאר זיי:

דער גדול וואס האט געזאגט דער מאמר ניט בשם אומרו - האט אזוי געלערנט דער ענין אין תורה ביז אז ס'איז געווארן זיין שכל, במילא דארף ער עס ניט זאגן בשם אומרו, ווארום ס'איז ניט בשם אומרו פון א צווייטן, נאר ער אליין איז דער "אומרו".

פונקט ווי מ'זאגט בנוגע צו משה רבינו, אז די תורה איז נקראת על שמו, כיון שמסר נפשו עלי',

וואס ס'איז ניט ח"ו דער פשט אז די תורה איז ניט געגעבן געווארן צו משה מסיני - נאר דער פשט איז, אז ער האט געלערנט תורה עד כדי כך אז ס'איז געווארן א חלק פון זיין שכל, שכל פון משה, און דערפאר איז דאס נקראת על שמו - "תורת משה",

און ווי עס שטייט אין תהלים (א, ב), "בתורת ה' חפצו ובתורתו יהגה": דאס איז "תורתו" פון דעם אדם הלומד, ווארום ס'איז נקראת על שמו, אבער וואס איז "תורתו" - ניט ח"ו א תורה אחרת נאר "תורת ה'".

און תורה אליין איז מעיד אז ניט מ'דארף איר אנרופן תורת ה', נאר נקראת על שמו, עד כדי כך - אז "חכם שמחל על כבודו כבודו מחול", ווארום די תורה איז געווארן זיינע (ראה גם לקו"ש יתרו תשל"ז).

וואס לכאו' איז - היתכן: ס'איז דאך די תורה פון מלך מלכי המלכים הקב"ה - איז ווי קען דער "חכם" מוחל זיין אויף דעם?!

נאר וויבאלד אז מ'האט אים אפגעגעבן די תורה אז זי איז אינגאנצן זיינע, נקראת על שמו - במילא קען ער אויף דערויף מוחל זיין ווייל ס'איז זיין כבוד.

משא"כ בא א מלך איז "מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול".

**פד.** עפ"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די גדולי ישראל וואס האבן געזאגט ענינים אין תורה ניט בשם אומרם:

ס'איז א זיכערע זאך אז די גדולים האבן געוואוסט פון דעם וואס עס שטייט אין "קנין תורה", אז "האומר דבר בשם אומרו" איז איינע פון די מ"ח דברים שהתורה נקנית בהם, ובנוסף לזה - אז עס איז "מביא גאולה לעולם", וואס דאס (די גאולה) האבן זיי דאך זיכער געוואלט, ביז אז מ'האט געקערט וועלטן אז עס זאל שוין זיין אויס גלות -

און אעפ"כ כאמור, געפינט מען אין כמה פון זייערע ספרים עניגים וואס שטייען אין פריערדיקע ספרים, און קרוב לודאי אז זיי האבן דערפון געוואוסט - און זיי שרייבן עס ניט בשם אומרו!

איז די הסברה בזה - וויבאלד אז זיי האבן געלערנט און איינגעלערנט ביז אז ס'האט זיך אפגעלייגט דער ענין בשכלם - דערפאר ווערט דאס אנגערופן על שמם.

פה. דערמיט איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "שו"ת מן השמים", וואס ס'איז דאך דא אין דערויף די שאלה הידועה:

ס'איז דאך דא דער כלל אז "תורה לא בשמים היא", ווי ר' אלעזר און די חכמים און ר' יהושע בן חנניא האבן געזאגט - איז הלתכן דא מיט אמאל זאגט מען אז ס'איז דא שאלות ותשובות מן השמים, ביז אז כמה פון זיי זיינען נוגע להלכה בפועל?!

איז איינער פון די ביאורים אין דעם:

נאך דעם וואס מ'האט געהערט וואס מ'זאגט מן השמים - האט מען דאס געלערנט בשכל בהבנה והשגה, ביז אז דאס איז געווארן א חלק פון דער שכל האדם הלומד, און ער האט אויף דער ענין געבראכט ראיות פון משנה, גמ' און ברייתא וכו', פון הושב"כ און תושבע"פ - און ערשט דעמאלט, נאך דערויף וואס דאס איז געווען זיין שכל, מיט זיינע ראיות - האט ער אזוי גע'פסק'נט דעם דין.

ביז אז אזוי איז געווען בא כללות ענין התורה:

משה האט געהערט די תורה פון דעם אויבערשטן, און דערנאך זאגט מען אז די גאנצע תורה איז "נקראת על שמו", "זכרו תורת משה עבדי".

וואס לכאו' איז דאס ניט פארשטאנדיק: משה איז טאקע געווען אן "אוהב ישראל", במילא האט ער איבערגעזאגט דאס וואס ער האט געהערט אין תורה פון דעם אויבערשטן - אבער ווי קען מען די תורה רופן על שמו, בשעת ער האט דאס מקבל געווען מסיני?!

ענטפערט מען אויף דעם: וויבאלד אז משה מסר נפשו עלי' (אויף תורה), ווערט די תורה אנגערופן על שמו...

ד.ה. אז ער האט געלערנט תורה אין אן אופן אז ער איז געווארן אויס נפש בפ"ע, ער האט איבערגעגעבן זיין נפש צו תורה.

וואס דאס איז דער פירוש פון מסירת נפש: מסירת נפש מיינט ניט אז עס ווערט אויס מציאות פון נפש, נאר עס מיינט אז עס ווערט אויס נפש בפ"ע, ער גיט איבער זיין מציאות הנפש "עלי'", אויף תורה, און דאס איז דער אמת'ער פירוש אין מסירת נפש.

וואס אזוי טייטשט די וועלט אז מסירת נפש מיינט - אז ער ווערט אויס מציאות ח"ו אבי גיין אויף קידוש השם;

דאס איז אבער ניט דער אמת'ער טייטש אין מס"נ, דער אמת'ער טייטש אין מסירת נפש איז - אז ער נעמט זיין נפש און ער גיט עס אפ צו א צווייטן, צו דעם אויבערשטן, צו אמיתית המציאות.

און דערפאר קען זיין אז ער זאל מאריך ימים זיין ביז מאה ועשרים שנה, און אעפ"כ האט ער מקיים געווען דער ענין פון מסירת נפש אין דעם טאג פון זיין בר מצוה, אדער ווען ער איז געווען 20 יאר אלט וכו' בשעת ער האט געזאגט שמע ישראל,

אדער ביזהכ"פ, און דאס איז ניט נאר מס"ב בכח - נאר ער האט מקיים געווען מס"נ בפועל.

אלי ער איז געבליבן א נשמה אין גוף (והראי' אז ער לעבט וויטער ביז מאה ועשרים שנה) - האט ער אבער אוועקגעגעבן זיין נשמה צו דעם אויבערשטן, ער איז געווארן אויס זאך פאר זיך.

און דעמאלט, וויבאלד אז ביי אים איז דא דער מסר נפשו עלי' - ווערט דאס נקראת על שמו.

**פו.** ועד"ז איז געווען בא דער כללות הענין פון מ"ת, אז ס'איז געווען "מה להלן "באימה וביראה וברתת ובזיעה" - אלע האבן זיך מוסר נפש געווען, זיי האבן אפגעגעבן זייער גאנצער נפש צו רצון ה', און נאכמער - צום בעל הרצון (בלשון פון דעם אלטן רבי'ן), דורך הקדמת נעשה לנשמע.

וואס דאס איז דער ענין פון מסר נפשו עלי'.

דערנאך דארף אבער זיין די עבודה אין אן אופן פון שמחה גדולה - "פנים שוחקות להש"ס".

וואס די שמחה איז א **תוצאה** פון דער "באימה וביראה כו'" וואס איז געווען פאר דערויף - ווארום דאס וואס ביי אים איז דא שמחה איז דאס דערפאר וואס ער איז א "חלק אלוקה ממעל ממש" זיין נפש איז אליין זאך מיט למעלה, וואס דאס קומט ארויס בגלוי דורך דערויף וואס ביי אים איז לימוד התורה און קיום המצוות באופן הקדמת "באימה וביראה כו'", אז ער איז זיך מוסר נפש, ער גיט אוועק זיין נפש צו למעלה, כנ"ל.

**פז.** ויה"ר אז דורך רעדן וועגן די ענינים וועט מען זוכה זיין צו טאן בפועל אין אזא אופן, און נאך מער - וויבאלד אז מ'גיט א סיעתא דשמיא צו א אידן וואס איז מקיים די מצוות ווי דער אויבערשטער וויל.

און זיכער וועט דער אויבערשטער מקיים זיין די מצוה וואס איז תלוי נאר אין אים - דער גאולה האמיתית והשלימה, און בנין בית המקדש השלישי, וואס וועט ניט זיין מעשה ידי אדם, נאר "מקדש אד' כוננו ידיך", ווי עס שטייט אין זהר.

און דערפאר וועט דער ביהמ"ק השלישי זיין א בנין נצחי - וויבאלד אז דאס וועט ניט געבויט ווערן ע"י אדם, אפילו ניט ע"י אן אדם ווי שלמה המלך, וואס ער האט געבויט דעם בית ראשון, און עד"ז ניט ווי דער בית שני, און אפילו ניט ווי דער משכן וואס איז מעשה ידי משה, וואס דערפאר איז דאס טאקע נצחי - אבער דאס קען שטיין בהעלם והסתר;

משא"כ "מקדש אד' כוננו ידיך" וועט זיין במהרה בימינו ממש בגלוי, "ושם נעשה לפניך כו' כמצות רצונך",

במהרה בימינו ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי. ופרצת.

ואמר: אזוי ווי מ'האלט בא מפלים זיין דעם פארברייינגען - וועט מען נוצן דער לשון הגמ' - "חטוף ושתי"! (ורמז לכו"כ שיאמרו לחיים).

ברך ברכת המזון. תפלת ערבית. הבדלה. וחילק לכל אחד ואחד מכוס של ברכה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

בס"ד. שיחת ש"פ נשא ה'תש"מ. הנחה הת' בלתי מוגה

א. דער שבת, שבת פרשת נשא, איז פארבונדן מיט חג השבועות, זמן מתן תורתנו.

וואס שבת פרשת במדבר איז אויך פארבונדן מיט חגה"ש, זמן מתן תורתנו, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס פ' במדבר לייענט מען אלעמאל "קודם עצרת", ווי דער טור[1] ברענגט אראפ דעם סימן אויף דערויף;

ס'איז אבער דא א מעלה אין דער פארבונדנקייט פון פ' נשא מיט זמן מתן תורתנו אויף דער פארבונדנקייט פון פ' במדבר מיט זמן מתן תורתנו:

שבת פ' במדבר איז טאקע אלעמאל "קודם עצרת", ס'איז אבער ניט אלעמאל מוכרח אז דאס זאל אויסקומען דער שבת גלייך פאר זמן מתן תורתנו כבקביעות שנה זו, נאר אמאל קען אויסקומען אז צווישן שבת פ' במדבר מיט זמן מתן תורתנו זאל זיין א הפסק בינתיים פון א שבת, וואס דאס איז ווען מ'לייענט פ' נשא "קודם עצרת".

משא"כ שבת פ' נשא קומט אלעמאל אויס דער שבת בסמיכות צו זמן מתן תורתנו, ס'איז נאר דא א חילוק אין וועלכן אופן דאס איז בסמיכות:

אמאל קומט עס אויס "קודם עצרת", ד.ה. דער שבת פאר זמן מתן תורתנו, וואס דעמולט איז די פארבונדנקייט פון שבת פ' נשא מיט זמן מתן תורתנו אין אן אופן אז "מיני' מתברכין כולהו יומי"[2], אז דער שבת פ' נשא בענטשט און איז ממשיך אלע המשכות פון זמן מתן תורתנו.

און אמאל קומט עס אויס גלייך דער ערשטער שבת נאך זמן מתן תורתנו, וואס דעמולט איז די פארבונדנקייט צווישן זיי אין אן אופן אז אין דעם שבת איז דער "ויכולו"[3] פון די אלע ענינים פון זמן מתן תורתנו[4],

ד.ה. אז אין דעם שבת שטייען אלע ענינים פון מתן תורה אין אן עלי', ביז אין אן אופן פון העונג, "וקראת לשבת עונג", ביז אין שלימות התענוג.

ובפרט לאחרי חצות היום פון שבת, וואס דעמולט איז דער תענוג אין אן אופן פון רעוא דרעוין, וואס דאס איז מעין פון דעם העונג וואס וועט זיין לע"ל, "יום שכולו שבת

- ומנוחה -

-------------

1) או"ח סתכ"ח. 2) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 3) ל' הכתוב - בראשית ב, א. 4) ישעי' נח, יג. וראה טור (ושו"ע אדה"ז) או"ח ר"ס רמב.

ומנוחה לחיי העולמים"[5], כמבואר בארוכה אויך אין המשך הרס"ו[6].

ב. חסידות מאנט אז פון יעדער ענין זאל ארויסקומען א "בכך"[7], א הוראה אין מעשה בפועל, מיוסד אויף דער דבר משנה[8] "המעשה הוא העיקר".

און די הוראה דארף זיין פון אלע פרטים פון דער זאך, וע"ד תורת הבעש"ט הידועה[9] בנוגע צו השגחה פרטית אין וועלט, אז דאס איז בכל פרט ופרט ביז אין פרטי פרטים, ובפרט אין א זאך וואס מ'האט באוויזן א מענטשן, אדער דער מענטש האט געהערט וועגן דעם - איז אין דעם זיכער נוגע די פרטים, ובמילא דארף ער אויך פון די פרטים ארויסנעמען א הוראה[10].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס שבת פ' נשא קומט בסמיכות צו זמן מתן תורתנו, אז דאס דארף זיין אויך פון די פרטים אין דערויף.

ג. פ' נשא האט דאך אין זיך כמה וכמה ענינים, ביז א"ס ענינים, און ענינים וואס זיינען מן הקצה אל הקצה:

בתחלת און בסוף הפרשה רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען בתכלית המעלה, און אין אמצע הפרשה רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען בתכלית הנפילה, "כי תשטה אשתו גו'"[11], ביז כמרז"ל עה"פ[12] "אין אדם עובר עבירה אלא אם כן נכנס בו רוח שטות",

אבער כמדובר כמ"פ, אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק"[13] פון דער גאנצער פרשה גיט ארויס דעם תוכן פון אלע ענינים אין דער פרשה.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס פ' נשא קומט בסמיכות און איז פארבונדן מיט מ"ת, ליגט אין דעם נאמען פון דער פרשה - "נשא".

ד. והביאור בזה:

"נשא" איז דער ענין פון התנשאות.

וואס די שייכות דערפון צו (מתן) תורה איז גלייך מובן:

- אויף -

---

5) מס' תמיד בסופה. 6) ע' תקמב. ריש ע' תקמה. 7) ראה סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א ואילך. ה'ש"ת ע' יא. תש"א ע' 57. ובכ"מ. 8) אבות פ"א מי"ז. 9) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קיט ואילך. וש"נ. וראה גם סה"מ קונטרסים ח"ג ע' י. 10) ראה כש"ט שם אות קכז-קכט. וש"נ. 11) פרשתנו ה, יב. 12) סוטה ג, א. 13) ראה שעהיוה"א פ"א.

אויף תורה זאגט מען דאך[14] "מאן מלכי רבנן", און "בי מלכים ימלוכו"[15], ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת שלו[16] (פון רמב"ם[17] און פון גמרא[18]), אז "כתר תורה" איז העכער פאר אלע כתרים (כתר כהונה און כתר מלכות), ווארום "בי מלכים ימלוכו", ביז אז אלע כתרים נעמען זיך פון כתר תורה.

דערפון איז פארשטאנדיק אז - תורה איז דער גרעסטער ענין פון התנשאות.

וואס דער ענין ההתנשאות אין תורה ("מאן מלכי רבנן" און "בי מלכים ימלוכו") באשטייט אין דעם וואס לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון הבנה והשגה, אז דער אדם הלומד תורה דארף זיך אזוי פארבינדן מיט תורה ביז אז זי נעמט-דורך זיין נפש השכלית, וואס דאס נעמט-דורך אויך זיין נפש הבהמית, וואדום די נפש השכלית איז א ממוצע צווישן דער נפש האלקית און נפש הבהמית, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון לקו"ת בחוקותי[19].

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק די פארבונדנקייט פון שבת פ' נשא, דער ענין ההתנשאות, מיט (מתן) תורה.

דאס גופא קען אבער זיין אויף צוויי אופנים: שבת פ' נשא ווי דאס קומט פאר מ"ת, און שבת פ' נשא ווי דאס קומט נאך מ"ת, ד.ה. דער ענין פון התנשאות וואס איז דא פאר מ"ת, און דער ענין פון התנשאות וואס איז דא נאך מ"ת, וכדלקמן.

ה. דער ביאור אין דעם ענין ההתנשאות וואס איז דא פאר מ"ת:

בשעת מ'זאגט דעם אדם הלומד תורה אז ביי אים דארף זיין דער ענין ההתנשאות אין תורה, אז ער דארף פארשטיין מיט זיין שכל דאס וואס ער לערנט אין תורה, ווערט ביי אים א געוואלד:

אידער ער לערנט תורה זאגט ער דאך ברכת התורה, "אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו", אז דאס איז תורתו של הקב"ה - איז וואס שפארט ער אהינצו זיין שכל - ס'איז דאך א דבר המבהיל!

און ווי מ'זעט דאס בפועל אז ס'איז גענוג זאגן אותיות התורה, און אפילו אויב לא ידע מאי קאמר איז ער מחוייב אין ברכת התורה[20].

- טענה'ט -

---

14) ראה גיטין סב, סע"א. 15) משלי ח, טו. גיטין שם.
16) פ"ד ס"א. 17) הל' ה"ת רפ"ג. 18) יומא עב, ב.
19) מז, ג. 20) הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב סוסי"ב.

הנהה הת' בלתי מוגה

טענה׳ט ער, ער וועט זאגן אותיות התורה, ער וועט האבן אהבת ה׳, יראת ה׳, יראה הבושה, יראת הכבוד וכו׳ - אבער וואס מאנט מען פון אים אז ער זאל דאס פארשטיין מיט זיין שכל?!

ו. ענטפערט מען אים:

תורה אליין, וויל אז דו זאלסט איר פארשטיין בהבנה והשגה, אז דו זאלסט זיך מחייבע זיין און מפלפל זיין און הארעווען ביז דו וועסט דאס פארשטיין מיט דיין שכל.

אין תושב"כ און אין רזין ודרזין דרזין דאורייתא[21], איז טאקע גענוג נאר ווען ער זאגט די אותיות התורה אן הבנה והשגה,

ביז אז מ׳זאגט אים אז ניט נאר ער קען, נאר ער דארף מאכן ברכת התורה אפילו ווען ער זאגט נאר אותיות התורה און לא ידע מאי קאמר -

ווען עס קומט אבער צו לימוד התורה (תושבע"פ), דארף ער דאס פארשטיין בהבנה והשגה שלו.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[22], אז תושבע"פ איז "תורת אמך"[23], אן ענין פון הבנה והשגה, וואס דורך דערויף פארשטייט מען וואס עס שטייט אין תושב"כ.

און ווי דער רמב"ם[24] שרייבט אז די תורה איז געגעבן געווארן "בפירושה", וואס "בפירושה" מיינט בפשטות אז ער פארשטייט דעם ענין.

און דער רמב"ם איז מדייק אז ניט די תורה און "פירושה" זיינען צוויי באזונדערע זאכן, נאר אז די תורה איז געגעבן געווארן צוזאמען מיט "פירושה", אז תורה איז אליין זאך מיט "פירושה", ד.ה. אז אין תורה איז נוגע אז עס זאל זיין "בפירושה", אז מ׳זאל פארשטיין בשכל וואס תורה זאגט (ווארום אויב ניט וואלט מען ניט געגעבן תורה "בפירושה").

וואס דערפאר איז ווייניק אז ער זאל נאר הזר׳ן אותיות, ווערטער, פסוקים און פרשיות פון תושב"כ, ועד"ז חזר׳ן ענינים אין תושבע"פ - נאר ער דארף דאס אויך פארשטיין בשכלו, און פארשטיין דעם טעם אויף דערויף.

ז. לכאורה איז נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

- כירוע -

---

21) ראה של"ה יג, סע"א ואילך בהגה"ה. 22) סכ"ט.
23) ל׳ הכתוב - משלי א, ח. 24) בהקדמתו לפיהמ"ש (בתחלתה).
וראה גם בהקדמתו לספרו (בהתחלה).



הנחת הת׳ בלתי מוגה

כידוע אז ניט נאר דער וואס "לא ידע מאי קאמר" אין תורה פארשטייט ניט וואס דארטן שטייט, נאר אפילו דער וואס "ידע מאי קאמר" - איז אבער שלימות ההבנה אין דעם "קאמר" איז ביי אים אויך ניטא,

ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק[25] אז "טעמי המצוות לא נתגלו" און דאס וואס איז יע נתגלה געווארן "אין זה . . תכלית הטעם וגבולו" נאר אפס קצהו פון דעם טעם, און עיקר הטעם וועט נתגלה ווערן ערשט לע"ל.

וואס דאס איז דאך לויט אלע דעות, און אפילו לדעת ר' שמעון וואס "דריש טעמא דקרא"[26] [וואס דאס קומט ארויס אויך אין א נפק"מ להלכה, אז אויב ס'איז דא אן ענין וואס איז ניט מתאים מיט "טעמא דקרא" ווערט נשתנה די הלכה] - איז דער עיקר הטעם אויך נאך ניט נתגלה געווארן

וואס לפ"ז קומט דאך אויס אז שלימות ההבנה והשגה אין הורה איז סיי-ווי ניטא איצטער - איז ניט פארשטאנדיק המבואר לעיל אז ס'איז דא דער ענין ההתנשאות אין תורה דורך דערויף וואס מ'פארשטייט איר בהבנה והשגה.

איז די הסברה בזה, אזי אין די ענינים און טעמי תורה וואס זיינען יע נתגלה געווארן בזמן הזה, דארף זיין די גאנצע הבנה והשגה אין תורה ביז בתכלית השלימות,

וואורום תורה איז דאך געגעבן געווארן "בפירושה", דארף מען דאך פארשטיין די תורה מיט "פירושה", כנ"ל.

ח. בנוגע דעם ענין פון הבנה והשגה וואס דארף זיין אין לימוד התורה פון תושבע"פ, געפינט מען אויך אין תושב"כ:

בשעת מ'געפינט אין תושב"כ צוויי פסוקים וואס זיינען סותר זה לזה - קען מען דאך לכאורה מיינען אז וויבאלד אין תושב"כ איז ניט נוגע הבנה והשגה - איז וועמען הארט דאס אז ס'איז דא א סתירה ביניהם?

זאגט תורה א כלל אין איינע פון די "שלש עשרה מדות" וואס "התורה נדרשת"[27]: אויב עס זיינען פאראן "שני כתובים המכחישים זה את זה", איז ניט מספיק אז ער זאל גיין זוכן אין תושבע"פ א הסברה פארוואס דאס איז קיין סתירה ניט - נאר עס דארף זיין אין תושב"כ גופא, "יבוא הכתוב השלישי ויכריע ביניהם".

און תורה איז אים מבטיח, אז אויב עס זיינען פאראן

- "שני" -

---

25) סי"ט (קכח, א). וראה דרמ"צ ד, ב. 26) גיטין מט, ב. וש"נ. 27) תו"כ ר"פ ויקרא.



הנחה הת' בלתי מוגה

"שני כתובים המכחישים זה את זה" - וועט זיכער זיין "יבוא הכתוב השלישי ויכריע ביניהם".

און דאס איז אין אן אופן פון "יכריע ביניהם", וואס דער ענין ההכרעה איז (ניט אז די צוויי ענינים ("שני כתובים המכחישים זה את זה") בלייבן בסתירה זה לזה, וואס דעמולט איז דאס ניט קיין הכרעה, נאר) אז דער "כתוב השלישי" וואס איז מכריע ביניהם באווייזט אז ס'איז ניטא קיין סתירה ביניהם, וואס דערפאר איז "הלכה כדברי המכריע"[28],

וע"ד ווי ס'איז דא דער ענין פון "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[29], וואס ביידע דעות, אפילו אז זיי זיינען בסתירה זה לזה, זיינען "דברי אלקים חיים", דערנאך איז אבער דא דער ענין פון "וה' עמו שהלכה כמותו"[30] וואס איז העכער פאר "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[31], און בדוגמא לזה איז דער "כתוב השלישי" וואס "הלכה כדברי המכריע".

ס. אע"פ אז אין לימוד התורה דארף זיין דער ענין פון התנשאות, הבנה והשגה אין תורה, אז ער פארשטייט בשכלו וואס ער לערנט - איז אבער לאידך דארף די הבנה והשגה זיין געבוים אויף כללי התורה.

וואס דערפון קומט אויס אז עס זיינען דא צוויי ענינים אין לימוד התורה:

בהקדמה צו לימוד התורה מוז זיין דער ענין הביטול, דער "ונפשי כעפר לכל תהי'",

וואס דאס קומט דורך דערויף וואס ער איז זיך מתבונן אין "אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו".

דערנאך אבער מוז זיין (כההמשך) "פתח לבי בתורתך", דער ענין ההתרחבות, ביז - התפתחות הלב, וואס דאס איז דער ענין ההתנשאות, אז ער איז א מציאות אדם, און די תורה איז ניט שולל זיין מציאות, נאר אדרבה, די תורה נעמט-דורך אלע זיינע כחות, ביז זיין כח השכל, און כח הרצון והתענוג,

ווארום אויב ס'איז דא נאר דער ענין הביטול, "ונפשי כעפר לכל תהי'", און ער לערנט תורה נאר דערפאר וואס מ'הייסט אים לערנען תורה, ד.ה. אז דא איז ניט אריינגעמישט מציאות האדם - וועט ער דעמולט ניט פארשטיין בהבנה והשגה שלו וואס ער לערנט,

כדי ער זאל פארשטיין וואס ער לערנט מוז ער זיין א

- מציאות -

------------

28) ברכות מג, ב. 29) עירובין יג, ב. 30) סנהדרין צג, ב. 31) ראה לקו"ש חט"ו ע' 233 ואילך ובהנסמן שם בהע' 33.

מציאות, ער מוז האבן אז אלע זיינע כחות ביז זיין כח הרצון
והתענוג זאלן וועלן לערנען תורה, ביז אז עס נעמט אזוי
דורך זיין מציאות, אז זיין כח התענוג שטופט אים צו לערנען
תורה.

ועפ"ד ווי רז"ל[32] זאגן "לעולם ילמוד אדם במקום שלבו
חפץ", וואס דאס רעדט זיך דאך אפילו וועגן א מקום בגשמיות,
איז דאך עאכו"כ אז בנוגע צו מקום ברוחניות דארף זיין -
"לעולם ילמוד אדם במקום שלבו חפץ" - אז ער דארף לערנען די
מסכת אדער די סוגיא וואס "לבו חפץ", וואס ער האט אין
דערויף א רצון, ווי גערעדט אמאל[33] דער חילוק צווישן די
צוויי לשונות ("חפץ" און "רוצה").

און צוקומען צו אזא אופן אין לימוד התורה, אז זיין
מציאות וויל לערנען תורה - איז דאס דורך דערויף וואס ער
איז זיך מתבונן אז די תורה, וואס זי איז די "חמודה
גנוזה"[34] פון דעם אויבערשטן, האט מען אים אפגעגעבן. ער זאל
איר היטן.

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת מ'זאגט
אזא זאך א מענטשן, איז אפילו א פשוט שבפשוטים וועט היטן
די "חמודה גנוזה" וואס מ'האט אים אפגעגעבן; "באימה וביראה
וברתת ובזיע"[35], און אין אן אופן פון "לא ינום ולא יישן";
און אויב דער היטן דאס באשטייט אין פארשטיין די תורה
בהבנה והשגה - וועט ער דאס אויך טאן "באימה וביראה וברתת
ובזיע", און אין אן אופן פון "לא ינום ולא יישן" וכו'.

ועד"ז נעמט תורה דורך אלע זיינע כחות, ביז צו דעם כח
התענוג, אז ער לערנט איר מיט א געשמאק, ווארום זי איז די
"חמודה גנוזה" פון דעם אויבערשטן וואס מ'האט אים אפגעגעבן
היטן.

י. די צוויי ענינים וואס דארפן זיין אין לימוד התורה,
"ונפשי כעפר לכל תהי'" און "פתח לבי בתורתך", זיינען ע"ד
די צוויי פרשיות, פ' במדבר און פ' נשא, וואס קומען פאר
מ"ת (כנ"ל ס"א):

דער ענין פון "במדבר" איז ע"ד די הקדמה פון "ונפשי
כעפר לכל תהי'" וואס דארף זיין פאר לימוד התורה (וואס
דערפאר לייענט מען פ' במדבר אלעמאל פאר מ"ת) -

ווארום "מדבר" איז דער ענין הביטול, וואס דאס איז
דער ענין פון "ונפשי כעפר לכל תהי'".

- ואדרבה: -

---

32) ע"ז יט, א. 33) קונטרס כ"ף מרחשון ש.ז. סי"ח
ובהערות שם. 34) שבת פח, ב. 35) ראה ברכות כב, א.

ואדרבה: מדבר איז נאך א טיפערער ביטול ווי דער ביטול פון "עפר". והביאור בזה:

דער דיך איז אז אויף כיסוי הדם דארף מען האבן דוקא עפר האדמה, משא"כ "עפר המדבר" איז ניט גוט[36].

וואס דער חילוק צווישן עפר האדמה, און עפר המדבר (חול) - איז בפשטות[37]:

עפר האדמה איז מצמיח, ווי עס שטייט[38] "ותוצא הארץ דשא עשב מזריע זרע ועץ עושה פרי אשר זרעו בו למינהו",

וואס וויבאלד אז דאס איז מצמיח, באווייזט דאס אז דאס איז פארט עפעס א מציאות.

משא"כ עפר פון א (אמת'ן) מדבר איז בכלל ניט מצמיח, וואס דאס באווייזט אז דאס איז בכלל קיין מציאות ניט.

ד.ה. אז אע"פ וואס עפר האדמה איז דער ענין הביטול, איז אבער אין דעם דא עפעס א מציאות, והראי' אז דאס איז מצמיח, וואס דאס איז דער ענין פון "שמינית שבשמינית"[39],

משא"כ חול המדבר איז אפילו אזא מציאות אויך ניט, ווארום ס'איז ניט מצמיח, וואס דאס איז דער ענין הביטול לגמרי.

יא. אבער נאך דערויף וואס ס'איז דא די הקדמה פון "ונפשי כעפר לכל תהי'", און דער ענין פון "במדבר" פאר (מהן) תורה - דארף זיין דער "פתח לבי בתורתך", וואס דאס איז דער ענין פון פ' נשא וואס מ'לייענט פאר מ"ת, דער ענין פון התפתחות הלב און התנשאות אין לימוד התורה,

וכמבואר לעיל באדוכה, אז בכדי ער זאל פארשטיין וואס ער לערנט, דארף זיך אריינמישן דער מציאות האדם אין דעם וואס ער לערנט;

עס דארף טאקע זיין מיוסד אויף קבלת עול, און אין אך אופן פון "שפתותיו גו' נוטפות מור - אל הקרא מור אלא מר"[40] (ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[41]) -

אבער דערנאך דארף דאס דורכנעמען מציאות האדם, ביז עס נעמט-דורך אלע זיינע כחות, ביז צו זיין רצון והענוג.

יב. דאס איז דער ענין פון "נשא" פאר מ"ת, אז בכדי צו - פארשטיין -

------------

36) חולין פח, א-ב. 37) ראה חולין שם. לקו"ת מסעי צא, ב. ובכ"מ. 38) בראשית א, יב. 39) ראה סוטה ה, א. 40) שה"ש ה, יג. שבת ל, ב. 41) יום ב' דחגה"ש.

פארשטייך הורה דארף מען האבן דעם ענין ההתנשאות, דער ענין התענוג וכו'.

דערנאך איז דא דער ענין פון "נשא" נאך מ"ה (וואס מ'לערנט ארויס וועו שבת פ' נשא איז דער שבת נאך זמן מתן תורתנו), וואס דאס איז דער ענין פון ההתנשאות און תענוג וואס דער מענטש באקומט נאך דעם וואס ער לערנט תורה, אז דער תענוג התורה און דער תענוג האדם ווערן איין זאך:

בשעת א איד איז מחדש אין תורה, קומט צו א תענוג אין תורה, ווארום די תורה וויל און האפט אז דער איד זאל אין איר מחדש זיין.

ובדוגמא ווי א בגד, אז אע"פ וואס דורך טראגן אים ווערט ער אויסגעטראגן - וויל ער אבער ניט זיין מונח בקרן זויה, נאר ער וויל אז מ'זאל אים טראגן - ווארום [נוסף לזה וואס אויב ער וועט בלייבן ליגן אין א קרן זוית, וועט ער סוף סוף נתבטל ווערן ממציאותו, איז] דער תפקיד און הכליה פון דעם בגד איז אז מ'זאל אים טראגן, און בשעת ער בלייבט ליגן אין א קרן זוית איז ער ניט ממלא תפקידו, איז דאס היפך שלימותו - דערפאר האט ער תענוג בשעת מ'טראגט אים.

ועד"ז בנוגע צו תורה: תורה וויל אז מ'זאל אין איר מחדש זיין, און אז דער אדם הלומד זאל זיין כאדם העושה בתוך שלו אין תורה, ביז אז די תורה זאל זיין נקראת על שמו, דערפאר וואס מסר נפשו עלי'[42] (ווי גערעדט אין דער פריערדיקער ההוועדות[41]), און דורך דערויף באקומט די תורה תענוג.

און דער תענוג פון תורה ווערט זיין תענוג, וע"ד ווי דער תענוג האדון ווערט דער תענוג העבד, וואס דאס איז טאקע דער תענוג האדון, אבער דאס ווערט דער תענוג האמיתי פון דעם עבד, ביז אז דוקא בא דעם עבד איז דא דער "שמועה טובה תדשן עצם"[43], ווארום דער תענוג האדון גיט דעם עבד חיות בכל העניינים שלו, כמבואר אין המשך תרס"ו[44].

וואס דאס איז דער ענין פון "נשא" נאך מ"ת, אז דער תענוג התורה און דער תענוג האדם ווערן איין זאך ממש.

יג. דער אויפטו פון נשא נאך מ"ת אויף נשא פאר מ"ת, איז ע"ד ווי דער אויפטו פון עולם לאחרי הבריאה לגבי ווי דער עולם איז געווען בתחלת הבריאה:

- החלת -

---

42) ראה שמו"ר פ"ל, ד. ועוד. 43) ל' הכתוב - משלי טו, ל. וראה גיטין נו, ב. 44) ע' שכה ואילך.

תחלת הבריאה איז געווען מצד "כי חפץ חסד הוא"[45], און דערפאר איז די כ"ו דורות פאר מ"ת היו נידונין בחסדו של הקב"ה[46], וואס לכאורה איז אין למעלה מזה, ווארום ס'איז געווען ריבוי שפע ורב טוב אין וועלט.

דערנאך האט אבער דער אויבערשטער געוואלט, אז בכדי עס זאל זיין "ונתתי גשמיכם בעתם גו'"[47], מיט די אלע ברכות, ביז "ואולך אתכם קוממיות"[48] - זאל פריער זיין "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו"[49],

וואס דעמולט איז די המשכת החסד וההשפעה א סאך העכערע ווי דאס איז מצד "כי חפץ חסד הוא",

וע"ד דער אויפטו פון דעם תולדות מלא פון "אלה תולדות פרץ"[50] לגבי דעם תולדות מלא פון "אלה תולדות השמים והארץ"[51].

וואס דער חילוק פון דעם חסד בבחי' "חפץ חסד הוא", מיט דעם חסד וואס ווערט אויפגעטאן ע"י עבודת האדם ("אם בחוקותי תלכו גו'") - איז ע"ד המבואר אין סה"מ עזר"ת[52] אין דעם פסוק[53] "כי אמרתי עולם חסד יבנה" - אז ס'איז דא די דרגא פון חסד אין ז"א, און ס'איז דא חסד אין עצמות ומהות, אין אדיך אנפין, ביז אין די העכסטע מדריגות, כמבואר שם.

יד. וואס אע"פ אז די צוויי הוראות, פון דעם ענין פון נשא פאר מ"ת און נשא נאך מ"ה, נעמט מען ארויס פון צוויי באזונדערע זמנים, ביז צוויי באזונדערע יארן: די הוראה פון נשא פאר מ"ת נעמט מען ארויס פון א יאר ווען שבת פ' נשא איז דער שבת פאר זמן כהן תורהנו, און די הוראה פון נשא נאך מ"ת נעמט מען ארויס פון א יאר וואס שבת פ' נשא איז דער שבת נאך זמן מתן תורתנו, כבקביעות שנה זו -

דארפן אבער די ביידע הוראות זיין אויף אלעמאל.

וע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין פון מ"ת גופא:

זמן מהן תורתנו איז מערניט ווי פעם אחת בשנה, און פון דעם דארף מען נעמען כח על כל השנה כולה, אז בכל השנה כולה זאל זיין "נותן התורה" "לשון הוה"[54], און "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע אף כאן באימה וביראה ובדהת ובזיע"[55].

- לאידך -

---

45) מיכה ז, יח. וראה סה"מ עזר"ת ע' קצד ואילך. ועוד.
46) פסחים קיח, א. וראה לקו"ש חט"ו ע' 66 ואילך ובהנסמן שם בהע' 21. 47) בחוקותי כו, ג. 48) שם, יג. 49) שם, ג.
50) רות ד, יח. ב"ר פי"ב, ו. 51) בראשית ב, ד. ב"ר שם.
52) ע' קצד ואילך. 53) תהלים פט, ג. 54) לקו"ת הזריע כג, א. 55) ברכות כב, א.

לאידך גיסא - זעט מען במעשה בפועל, וואס "מעשה רב"[56] און "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[57], אז ס'איז אינו בדומה דער "נותן התורה" בלשון הוה און דער "באימה וביראה וברתת ובזיע" בכל יום ויום, לגבי ווי דאס איז בזמן מתן תורהנו פעם אחת בשנה.

ועד"ז זיינען דא כמה מנהגי ישראל וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[58] וואס מ'טוט דוקא בזמן מהן תורהנו, בחגה"ש, און ניט בשאר כל השנה.

ביז אז דער עצם ענין פון שבועות ווערט אנגערופן "עצרת" בלשון הכמים[59], וואס דאס איז על שם זה וואס מ'דארף זיך אפהאלטן פון טאן מלאכה[60] בחג השבועות,

משא"כ בשאר כל השנה, איז בשעת מ'לערנט תורה דארף מען זיך טאקע אפהאלטן פון טאן מלאכה, אבער דערנאך, איז הגם די תורה ווערט טאקע נמשך על כל היום כולו, אבער דער ענין פון "עצרת", דער אפהאלטן זיך פון טאן מלאכה - ווערט ניט נמשך על כל היום,

ואדרבה, עס שטייט אין מכילהא[61] עה"פ[62] "ששת ימים העבוד", אז "זו מ"ע", ד.ה. אז טאן מלאכה בששת ימי החול איז א מצוה ע"פ תורה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די הוראות וואס מ'נעמט ארויס פון שבת פ' נשא פאר מ"ת און נאך מ"ת:

דער ענין פון נשא נאך מ"ה וואס מ'לערנט ארויס פון קביעות שנה זו, שטייט במיוחד ובהדגשה בשנה זו,

דאס דארף אבער נמשך ווערן אויך על כל הימים שלאח"ז, און על כל השנה הבאה, און על כל השנים הבאות, אויך אין א יאר ווען שבת פ' נשא קומט אוים דער שבת פאר זמן מתן תורהנו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל מ'דארף זיך משתדל זיין ביתר שאת וביתר עוז אין ארויסנעמען א סיוע ועידוד והתעוררות פון דעם ענין פון נשא נאך מ"ת בשנה זו, בכדי אז דאס זאל שטייען אויף די ימים שלאה"ז, ביז אויף שנה הבאה, ביז אויף כל השנים הבאות.

טו. ויה"ר אז אלע ענינים האמורים לעיל זאלן אדויסקומען - בפועל -

---

56) ראה שבת כא, א. וש"נ. 57) במדב"ר פי"ב, ג.
58) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 59) שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס תצד. וראה רמב"ן עה"פ אמור כג, לו. 60) ראה פרש"י עה"פ פינחס כט, לה. 61) נסמן בלקו"ש ח"ג ע' 189 הע' 8.
62) יתרו כ, ט.

בפועל, "טאפארא דא פלאכא"[63],

ע"ד ווי דאס איז אין תורה, אז עס דארף זיין "ללמוד וללמד לשמור ולעשות ולקיים"[64],

וואס איינע פון די פירושים אין "לקיים" איז – אז ער זאל ארייננעבן א קיום אין תורה, וכתורת הה"מ[65] אויף "וחי בהם"[66], אז ער גיט ארייך א חיות אין תורה ומצוות.

ובדוגמא ווי דער סיפור מיטן בעש"ט, אז א חוט פון זיינע ציצית האט זיך געשאקלט מעצמו, וואס דאס איז אזוי געווען בגשמיות, ביז אז די עומדים סביבו, און אפילו מרחוק, האבן געזעהן ווי די ציצית הגשמיים שאקלען זיך.

וואס דאס איז געווען אזוי בא דעם בעש"ט דערפאר וואס ער האט ארייננעגעבן אזוי פיל היות אין די ציצית ביז אז זיי האבן זיך געשאקלט פון זיך אליין.

וואס דערפון ווערט א הוראה לכאו"א, אז בא יעדערן זאל אזוי זיין ברוחניות הענינים,

און לע"ל וועט דאס נתגלה ווערן אויך בגשמיות, ווארום דעמולט וועט זיין "כמצות רצונך".

און אע"פ אז "כמצות רצונך" גייט אויף די קרבנות, איז אבער פארשטאנדיק פון דעם ביאור הדברים[67] פארוואס זיי וועלן דעמולט זיין "כמצות רצונך", אז דאס איז דערפאר וואס לע"ל וועט די בהמה זיין בשלימות, און דער מקריב הקרבן וועט זיין בשלימות –

איז עד"ז בנוגע צו אלע מצוות, כולל אויך מצות ציצית, לע"ל – ווארום דעמולט וועט די וועלט זיין בשלימות, און דער מקיים המצוה וועט זיין בשלימות, און אויך חלקו בעולם וועט זיין בשלימות.

טז. ויה"ר אז די אלע ענינים וואס מ'רעדט זאלן אראפקומען לפועל, -

וואס בכדי אז דאס זאל אזוי זיין, דארף זיך יעדער איינער מתבונן זיין אז עס קען זיין אז אים מיינט מען, און ניט נאר אז עס קען אזוי זיין – נאר עס איז טאקע אזוי – אז אים מיינט מען!

- וואס -

------------

63) ראה ספר התולדות כ"ק אדמו"ר מהר"ש (שנערך ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א) ריש ע' 69. 64) ברכת "אהבת עולם". וראה אבות פ"ד מ"ה. 65) לקו"א סרכ"ז (נה, א). או"ת לח, ג-ד. 66) אחרי יח, ה. 67) ד"ה וככה תרל"ז פי"ז ואילך. ראה תו"ח ויחי צה, א. צו, ג-ד. אוה"ת ויחי (כרך ו) תתשכח, ב ואילך.

וואס די הוכחה לזה איז, דערפון וואס ער הערט וואס מ'רעדט, ווארום אויב מ'וואלט געביינט א צווייטן, ניט אים - וואלט ער דאס ניט געהערט.

און דאס איז שייך צו אים ווארום ער מעג דאס לערנען, און ס'איז ביי אים ניט קיין עניך פון גזל, דערפאר וואס "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[68], די תורה איז די ירושה פון יעדן אידן,

און דערפאר האט יעדער איד די תורה אויף צו לערנען אין איד, און וויבאלד אז "גדול לימוד שמביא לידי מעשה"[69] - איז אויך די מעשה בפועל שייך צו יעדער איד.

ביז אז דאס דארף דורכנעמען אלע ענינים פון זיין נפש, זיין רגש, מחשבה דיבור ומעשה, ביז אז דאס נעמט-דורך יחידה שבנפשו,

ווי רבותינו נשיאינו האבן דאס געמאנט, וואס זיי זאגן דאס פון דעם וואס זיי האבן מקבל געווען פון משה רבינו, און "משה קבל תורה מסיני" (ווי מ'זאגט אין היינטיקן פרק[70], לויט די "יש נוהגין" צו לערנען פרקי אבות אויך במשך "כל שבתות הקיץ"[71]), משה רבינו האט דאס מקבל געווען פון דעם אויבערשטן,

און דער אויבערשטער זאגט דאס דעם שבת, צו יעדן איינעם,

אז ער זאל הארעווען אין לערנען תורה "באימה וביראה וברתת ובזיע", און צוזאמען דערמיט - מתוך תענוג.

און כאמור, דאס מיינט מען אים אליין.

און אע"פ אז ער ווייסט ניט וואס באדערט מען אים און וואס מאטערט מען אים און וואס וויל מען פון אים, און מ'איז אים מבלבל פון מנוחת שבת, און מ'זאגט אים אז מ'וויל ער זאל לערנען און אז ער זאל וועלן לערנען תורה און הארעווען אין תורה באימה וביראה און מתוך תענוג, און דערנאך זאגט מען אים אז מען מיינט אים אליין -

ווייסט ער ניט פארוואס מ'שטערט אים פון מנוחת שבת, און מ'לאזט אים ניט גיין אפרוהען זיך -

פונדעסטוועגן זאגט מען אים אז עס דארף דורכנעמען זיין תענוג, וואס דעמולט ווערט דאס א געשמאקע זאך ביי אים.

יז. ויה"ר אז עס זאל זיין אין אן אופן פון "וקראת לשבת - עונג" -

---

68) ברכה לג, ד. וראה סנה' נט, רע"א. 69) ראה קידושין מ, ב. 70) רפ"א. 71) אדה"ז בסידורו לפני פרקי אבות.



הנחת הת' בלתי מוגה

עונג", אז די אלע ענינים זאלן דורכנעמען זיין העגוג,
במילא וועט דאס ווערן זייןן געשמאק,

וואס אפילו אויב דאס איז א דבר המצער, איז אויב עס
ווערט דורכגענומען מיט תענוג ווערט דאס ביי אים געשמאק,

כדמוכח פון דעם דין[72] בנוגע צו פאסטן א תענית חלום
בשבת, אז וויבאלד דאס איז געווארן זיין תענוג, מעג ער דאס
טאן בשבת [וואס הגם אז נאך שבת דארף ער מהענה זיין א
"תענית על תעניתו" - איז דאס דערפאר וואס מ'דארף היטן
בריאות הגוף, און מ'טאר ניט מצער זיין דעם גוף וכו' -
אבער דאס רידט ניט אן שלימות התענוג וואס ער האט דערפון
באקומען ביום השבת].

יח. ויה"ר אז מ'זאל אוועקגיין פון די רייד מיט א תוספת
עונג ושמחה ורצון אין אלע ענינים פארבונדן מיט מתן תורה,

אנהויבנדיק פון "בנינו עודבים אותנו"[73], און אין אן
אופן פון "נשא את ראש", התנשאות, אז "לא יתבייש מפני בני
אדם המלעיגים עליו"[74],

און מוסיף והולך ואור, ביז צו "בהעלותך את הנרות"[75].

* * *

יט. האמור לעיל איז שייך צו שבת פ' נשא וואס קומט אויס
אין דעם שבת נאך זמן מתן תורתנו בכל שנה ושנה.

בשנה זו קומט צו וואס שבת פ' נשא נאך זמן מתן תורתנו
איז אין א יאר וואס איז א שנת השמיטה,

וואס ניט אלעמאל קומט אוים דער שבת אין א שנת השמיטה,
און וויבאלד אז בשנה זו איז דאס אויסגעקומען אין א שנת
השמיטה - דארף מען אויך דערפון ארויסנעמען א הוראה.

כ. כמדובר כמ"פ במשך השנה, מיוסד אויף מפרשים[76] - דארף
מען מוסיף זיין אין לימוד התורה בשעת עס קומט א שנת השמיטה,

ווארום, כמובן בפשטות, ווען עס קומט-צו א אידן צייט,
אפילו א ביסל צייט, דארף ער עס אויסנוצן אויף לימוד התורה,

עאכו"כ ווען עס קומט צו א ריבוי זמן, עאכו"כ אין א
שנת השמיטה ווען עס קומט-צו א גאנצער יאר - דארף דאס דער
איד זיכער אויסנוצן אויף לימוד התורה.

- וואס -

---

72) שו"ע אדה"ז או"ח סרפ"ח ס"ג. וש"נ. 73) שהש"ר פ"א,
ד. 74) רמ"א או"ח רס"א. שו"ע אדה"ז שם ס"ג. מהדו"ב ס"א.
75) בהעלותך ח, ב. 76) ספרונו עה"פ בהר כה, ב-ד.

וואס דא רעדט זיך דאך וועגן אזוינע וואס בכל השנים (ע"ד הרגיל) זיינען זיי פארנומען מיט "חורש", "זורע" און "קוצר" [וואס זיי זיינען כולל אין זיך אלע אומנות גשמיים], "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך"[77];

וואס זיי ווערן נכלל אין די וועגן וועלכע די גמרא[78] זאגט אז "הרבה עשו כרבי ישמעאל ועלתה בידן", וואס די הנהגה פון ר' ישמעאל איז - אז ס'איז דא דער "אדם חורש . . וזורע" אין אן אופן פון "הנהג בהן מנהג דרך ארץ", און מ'האט ניט מורא פאר דעם "תורה מה תהא עלי'" וואס רשב"י זאגט.

אעפ"כ זאגט מען אויך זיי אז ווען עס קומען זמנים הפנויים ווען מ'איז באפרייט פון מלאכה דארף זיין "עשה תורתך קבע", ווי די משנה זאגט אין אבות[79],

וואס דאס רעדט זיך דאך וועגן בעלי עסק, "זבולון", כמובן בפשטות - ווארום בנוגע צו יושבי אוהל, "יששכר", און איינער וואס פירט זיך ווי רשב"י (ניט ווי ר' ישמעאל), "תורתו אומנתו"[80] - איז דאך דער ענין פון "עשה תורתך קבע" ניט קיין ענין פון "מילתא דחסידותא"[81], ווארום תורה איז דאך זיין "אומנות"!

נאר דאס רעדט זיך וועגן בעלי עסק וואס פארנעמען זיך ע"ד הרגיל מיט "חורש" און "זורע" - דארף בא זיי זיין "עשה תורתך קבע" ווען זיי ווערן באפרייט פון מלאכה.

ועאכו"כ ווען עס קומט שנה השביעית, וואס דעמולט ווערט מען באפרייט א גאנצן יאר פון מלאכה - דארף זיכער זיין "עשה תורתך קבע".

וע"ד ווי דאס איז בכלל אז ווען א איד גיט אפ צייט אויף לימוד התורה, נעמט דער אויבערשטער פון אים צו אלע דאגות הפרנסה, ער נעמט די פרנסה אויף זיך[82] -

עד"ז בשנה השביעית, באזארגט דער אויבערשטער דעם אידן שוין אין שנה הששית אלע זיינע הצטרכיות, מצד דעם וואס ער וועט לערנען תורה אין שנה השביעית.

און נאכמער: בנוגע צו שנה השביעית שטייט[83] "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית", וואס עס שטייט ניט סתם "וברכתי"

- וכיו"ב -

---

77) בהר שם, ג. 78) ברכות לה, ב. 79) פ"א מט"ו. וראה לקו"ש חי"ב ס"ע 229. 80) שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. 81) ראה ב"ק ל, א. 82) הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ב. וש"נ. 83) בהר שם, כא.



הנחת הת' בלתי מוגה

וכיו"ב, נאר "וצויתי את ברכתי" - אז בשנה הששית הייסט דער אויבערשטער זיין ברכה אנקומען צו דעם אידן וואס וועט כוסיף זיין בלימוד התורה בשנה השביעית.

כא. עפ"ז אז שנת השמיטה איז ענינה לימוד התורה, איז פאר-שטאנדיק בפשטות דער שייכות פון שנת השמיטה צו דעם ענין פון נשא נאך מ"ת:

ווי גערעדט פריער (ס"ד) בארוכה אז אויך דער ענין פון נשא, התנשאות, איז דער ענין התורה, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ פון רמב"ם און פון גמרא, אז "בשלשה כתרים נכתרו ישראל כתר תורה וכתר כהונה וכתר מלכות" און דערפון וואס עס שטייט "בי מלכים ימלוכו" לערנט מען אפ אז "כתר תורה גדול מכולם", ביז אז דיביידע כתרים, כתר כהונה און כתר מלכות, נעמען זיך פון כתר תורה, "בי מלכים ימלוכו".

כב. די הוראה נוספת וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס שבת פ' נשא איז אין א שנת השמיטה:

ווי גערעדט פריער איז שנת השמיטה מדגיש און ברענגט ארויס ווי יעדער זאך פון א אידן דארף זיין דורכגענומען מיט תורה.

ד.ה. אז ניט נאר אז אלע ענינים פון א אידן זאלן זיך נעמען פון תורה און זיין ע"פ תורה, ע"ד ווי דאס איז אין די שש שנים ווען ער איז חורש וזורע און "הנהג בהן בנהג דרך ארץ" - נאר אז אלע זיינע ענינים גופא זאלן זיין דער ענין פון תורה, ווי דאס איז אין שנת השמיטה, אז ער פארנעמט זיך ניט מיט קיין ענין חוץ ווי לערנען תורה.

און ווי עס זיינען געווען אידן, און מסתמא זיינען היינט אויך דא אזוינע, וואס בא זיי איז געווען ניט נאר "בכל דרכיך דעהו" און "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[84], וואס דעמולט איז דער פירוש אז ער האט "דרכיך" און "מעשיך", און דאס איז אן אופן פון "דעהו" און "לשם שמים", אבער דאס איז "דרכיך" און דאס איז "דעהו" וכו', דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים -

נאר בא זיי זיינען די "דרכיך" און "מעשיך" גופא געווען דער ענין פון תורה.

ד.ה. אז תורה איז ניט א סיבה צו א מסובב, וואס די

- סיבה -

------------

84) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ב.

סיבה בלייבט בבקובה, אדער ע"ד ווי א יסוד (וואס בגשמיות איז דער יסוד למטה, און ברוחניות איז דער יסוד למעלה[85]), וואס ער איז ניט בבקום הבנין, נאר א יסוד דערצו - נאר די סיבה פון הורה געפינט זיך במקום המסובב, און דער יסוד געפינט זיך במקום הבנין.

כג. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

"נשא" מצ"ע איז ענינו הורה, ווארום הורה איז אמיהית עניך ההתנשאות, "בי מלכים ימלוכו", און פון איך נעמען זיך די אנדערע כהרים, כהר כהונה און כהר מלכות, כנ"ל;

בשעת דער ענין ההתנשאות קומט אבער ארויס אין כתר כהונה און אין כתר מלכות - קען דער ענין פון "אמר מלכא עקר טורא"[86] זיין אויף צוויי אופנים:

עס קען זיין אז דער כהר כהונה און כהר מלכות ווערן טאקע נמלך און אנגעפירט דורך כתר הורה, ד.ה. אז הנהגת המלוכה און הנהגת הכהונה איז אויסגעהאלטן ע"פ תורה - אבער בשעת זיי קומען ארויס אלס באזונדערע ענינים זיינען זיי ענינים לעצמם, זיי גופא זיינען ניט דער ענין פון תורה,

וואס דאס איז ע"ד הנ"ל, אז הורה איז נאר א סיבה צו א צווייטן מסובב, די סיבה געפינט זיך אבער ניט במקום המסובב.

און עס קען זיין אין אן אופן אז אפילו ווי די הנהגת המלוכה און הנהגה הכהונה שטייען בבקומם - זיינען זיי גופא דער ענין פון הורה, ע"ד דער ענין פון "אבא יסד ברתא"[86*].

ולדוגמא:

א מלך האט דעם כח צו טאן כו"כ ענינים וואס אויף אלע אידן איז דאס אסור ע"פ תורה[87], וואס דאס טוט ער מיט דעם כח המלכות וואס איז ביי אים דא,

קען מען דאך טייטשן אז דאס איז הנהגת המלוכה וואס איז אויסגעהאלטן ע"פ הורה, אבער זאגן אז דאס גופא וואס ער איז משנה דיני הורה איז הורה - קען מען לכאורה ניט זאגן;

זאגט מען אבער, אז די הנהגה גופא וואס ער איז משנה דיני הורה - איז הורה, ווארום יעצט לערנט ער און ער פירט זיך ווי עס שטייט אין הל' מלכים ומלחמותיהם, אין הורה.

כד. וואס דאס איז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון

- וואס -

---

85) פרדס שער ערה"כ בערכו. אוה"ת בראשית (כרך ו) התרכו, ב. ובכ"מ. 86) ראה ב"ב ג, ב. *86) זח"ג רנח, א. 87) ראה רמב"ם הל' מלכים פ"ה ה"ג.



הנחה הה' בלתי מוגה

- ש"פ נשא -

וואס שבת פ' נשא קומט אויס אין א שנת העיבור -

אז ניט נאר בשעת מ'לערנט תורה איז מען דורכגענומען מיט תורה - נאר אויך ווען מ'פירט זיך אין די הנהגה פון התנשאות, כתר כהונה און כתר מלכות - איז דאס אויך דורכגענומען מיט תורה, ביז אז דאס איז תורה אליין.

וכידוע דער סיפור וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט וועגן זיין פאטער, כ"ק אדמו"ר נ"ע[88]:

אמאל בשעת ער האט געטאן אין עסקנות ציבוריה, האט ער געטאן א זאך נאר מצד הרגילות שלו, אן קיין הוכחה בדבר.

האט מען ביי אים געפרעגט: מאי האי? ווי קען ער טאן א זאך נאר מצד הרגילות שלו?

האט ער געענטפערט, אז ער האט אזוי אויסגעארבעט און איינגעוואוינט זיין גוף, אז ער זאל פון זיך אליין פירן זיך ע"פ תורה, במילא אז ער טוט א זאך ע"פ הרגילות שלו, איז עס זיכער ע"פ תורה.

ועד"ז ווי די גמרא[89] דערציילט אז "כי מטא למודים מנפשי' כרע", אז דער גוף איז געווען אזוי דורכגענומען מיט תורה, אז ווען ס'איז געקומען מודים האט זיך דאס גלייך אויסגעדריקט אין גוף אז "מנפשי' כרע", ניט דערפאר וואס ער איז אזוי געווען איינגעוואוינט מצד דעם וואס ער האט שוין געדאווענט צ' פעמים שמונה עשרה - נאר דערפאר וואס דער גוף אליין האט זיך געפירט ע"פ תורה.

און אע"פ אז בפשטות איז דער פירוש אין גמרא לגריעותא - איז אבער דאס וואס דאס קען אזוי זיין אין לעו"ז איז דערפאר וואס "נשתלשלו מהן"[90] פון ווי דאס איז אין קדושה.

כה. די הוראה דערפון בנוגע לפועל בא כאו"א איז - אז די עניני מלכות און כהונה וואס זיינען דא בא יעדערן דארפן זיין ניט נאר אויסגעהאלטן ע"פ תורה, נאר תורה אליין:

יעדער איד איז אזוי ווי א מלך בביתו, ער איז דער ראש הבית, ער דארף אנפירן מיט זיין שטוב און מחנך זיין אשתו

- און -

---

88) ספר התולדות אדמו"ר מוהרש"ב ס"ע 90 ואילך. וראה גם לקו"ש ה"ד ע' 1202 הע' 51. 89) ראה ירושלמי ברכות פ"ב סוף ה"ד. הוד"ה עיון - שבת קיח, ב. וראה לקו"ד כרך א קמב, א. קונטרס חנוך לנער ע' 9 ואילך. סה"מ השי"א ע' 246. 90) ל' אדה"ז בתניא רפ"ג. וראה אוה"ת בראשית (כרך ג) תקסא, א ואילך. תקסד, א ואילך.

און בניו ובנותיו אין אן אופן פון "מלך במשפט יעמיד ארץ"[91] - מחנך זיין זיי מיט א תוקף און מיט א שטרענגקייט,

אבער ביחד עם זה דארף דאס זיין בדרכי נועם ובדרכי שלום,

און ווי די גמרא[92] זאגט, אז "ג' דברים צריך אדם לומר בתוך ביתו ערב שבת עם חשיכה - עשרתם ערבתם הדליקו את הנר", און "צריך למימרינהו בניחותא, כי היכי דליקבלינהו מיני'".

וע"ד ווי דער רמב"ם[93] זאגט אז "חובה על כל איש לקנאות אשתו", און "כל מי שאינו מקפיד על אשתו ובניו ועל בני ביתו ומזהירן ופוקד דרכיהן תמיד כו' ה"ז חוטא",

אבער ביחד עם זה דארף די קנאה זיין מיוסד אויף תורה, וואס דעמולט איז דאס ב"רוח טהרה"[94], בדרכי נועם ובדרכי שלום.

וואס דער מלך בביתו (דער מאן און דער פאטער), קען צוגיין צו דעם אין אן אופן, אז ער וועט פירן זיין מלוכה אין שטוב, און מדריך זיין אשתו ובניו ובני ביתו אין אן אופן וואס איז אויסגעהאלטן ע"פ תורה, אבער דאס הויבט זיך נאר אן ע"פ תורה, ועד"ז בנוגע צו קנאת אשתו, אז דאס הויבט זיך נאר אן ע"פ תורה, אבער דערנאך ווערט דער ענין המלוכה אן ענין בפ"ע,

וואס דעמולט דארף מען באווארענען אז עס זאל ניט ברענגען צו ישות און גאוה ביי אים, און דעמולט קען דאס אויך ארויסקומען אז ער טוט דאס ניט דערפאר וואס אזוי הייסט תורה, נאר דערפאר וואס וויבאלד ער איז בכעס, במילא גיסט ער אויס זיין כעס, גבורות ודינים און צמצומים און השתלשלות אויף יענעם, ניט אין אן אופן פון "רוח טהרה".

וואס דאס איז דערפאר וואס ער האט נאר אנגעהויבן מיט תורה, אבער דערנאך איז ער אוועק פון תורה, האט זיך במילא ארייגעמישט זיין מציאות.

בשעת אבער די תורה נעמט-דורך זיין הנהגת המלוכה אין אן אופן אז אויך ווי די מלוכה שטייט במקומה איז דאס דער ענין התורה - איז דעמולט דארף מען ניט באווארענען די אלע ענינים, ווארום ער איז מדריך אשתו ובניו ובני ביתו, ועד"ז די קנאה, אין אן אופן נאר ווי תורה הייסט, דערפאר וואס כל המציאות פון מלכותו איז תורה,

און דעמולט איז דאס מיט א "רוח טהרה", אז ער פירט



---

91) משלי כט, ד. 92) שבת לד, א. 93) הל' אישה פט"ו הי"ז. הל' סוטה בסופן. 94) ראה סוטה ג, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

זיך מיט זיי בדרכי נועם ובדרכי שלום בהכלית השלימות.

כו. ועד"ז בנוגע צו א מלמד תלמידים, וואס ער איז אויך בדוגמא ווי א מלך אויף זיינע תלמידים, וואס ער דארף זיי מדריך זיין און מחנך זיין -

איז דאך מבואר אין הל' ה"ת די אלע פרטים ווי ער דארף זיי מחנך זיין, אז ער דארף זיין "זרוק מרה בתלמידים"[95], מיט די גאנצע שטרענגקייט און תוקף,

אבער ביחד עם זה דארף דאס זיין נאר דערפאר וואס תורה הייסט אזוי.

און בשעת ער פירט זיך ע"פ תורה אויך ווען ער דארף זיין שטרענג, איז ער דעמולט פארזיכערט אז ער וועט ניט שלאגן א תלמיד ווען מ'דארף עס ניט טאן ע"פ שו"ע,

און אפילו ווען עס דארף זיין אן ענין פון הכאה ע"פ שו"ע, טוט ער דאס נאר דערפאר וואס אזוי שטייט אין שו"ע, ובמילא איז ער זיכער אז ער וועט ניט איבערכאפן די מאס אין דעם.

כז. ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון כתר כהונה, אז דאס דארף זיין אזוי דורכגענומען מיט תורה, ביז אז דאס ווערט הורה אליין:

דער ענין פון כהונה איז - "לעמוד לשרת בשם ה'"[96].

וואס במובן הרחב איז דאס ניט נאר דער הפקיד פון כהנים, נאר אויך דער הפקיד פון לויים, און פון ישראלים, און פון גרים.

ולדוגמא: ווען איינער טוט אין עסקנות ציבורית, דארף ער דאך זיין א משרת לה', ווי א כהן.

וואס בשעת מ'טוט אין עסקנות ציבורית איז מען פטור פון לימוד התורה, ווארום "העוסק במצוה פטור מן המצוה"[97] -

לערנט אים שנת השמיטה, אז ער דארף מרגיש זיין אז ער איז פטור פון לימוד התורה ניט דערפאר וואס יעצט איז ניטא דער ענין פון לימוד התורה - נאר ווייל <u>תורה</u> זאגט אז וויבאלד ער איז זיך עוסק אין א מצוה, און ער קען ניט טאן צוויי זאכן מיט איין מאל, איז ער פטור פון לימוד התורה

- (ווארום -

------------

95) כתובות קג, סע"ב. רמב"ם הל' ת"ת פ"ד ה"ה. טושו"ע יו"ד סרמ"ו סי"א. הל' ת"ת לאדה"ז בסופן. 96) שופטים יח, ה. 97) סוכה כה, א. ועוד.

(ווארום אויב ער וואלט געקענט טאן ביידע זאכן, וואלט ער געוועז מחוייב אין ביידע), ווי תוספות[98] איז דאס מסביר,

ובכילא קומט אויס אז די עסקנות ציבוריה גופא איז ענינה הורה.

כח. דערפון האט מען די הוראה אויך בנוגע צו דעם אופן ווי עס דארף זיין הפצה היהדות און הפצה המעיינות:

דאס איז א זיכערע זאך אז עס דארף זיין הפצת המעיינות, עס איז א זיכערע זאך אז עס דארף זיין אהבה ישראל, עס איז א זיכערע זאך אז רבותינו נשיאינו האבן געוואלט אז עס זאל זיין ניט נאר מחשבה און החלטה, און מ'פארלאזט זיך אז "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[99], נאר אז עס זאל אויך אראפקומען אין דיבור און אין מעשה.

עד"ז איז א זיכערע זאך אז די מעשה בפועל דארף זיין אין אן אופן אז דער זולת זאל דאס קענען מקבל זיין, און אז דאס דארף זיין בסבר פנים יפות, און ניט ווי דעת כו"כ, וועלכע גיבן א פינגער אויף שלום עליכם, זייענדיק פארטראכט אין זייערע ענינים, וואס דער צווייטער איז דאך מרגיש אז מ'האט אים ניט געגעבן קיין גאנצע האנט, איז פארשטאנדיק די פעולה וואס דאס האט אויף אים.

עד"ז איז א זיכערע זאך אז בשעה ס'איז דא א "קול ילד בוכה", פירט ער זיך כהוראת אדה"ז אין דעם סיפור הידוע[100] (וואס איז שוין געדרוקט, און וויבאלד אז דאס איז אנגעקומען צו אונז איז דאס א הוראה פאר אונז) - אז ער פארמאכט דעם ספר, דעם קונטרס אדער דעם מאמר, און גייט איינוויגן דעם קינד, און גיט דעם קינד אלץ וואס ער דארף האבן,

און ער באווייזט ניט דעם קינד קיין מלאכים מיט ווייסע פליגלען וואס שוועבן אין די הימלען, וואס דערפון וועט זיך דער קינד דערשרעקן - נאר ער באווייזט אים א יד גשמי און אן אדם גשמי לפי ערכו, און אכילה גשמיה און אלץ וואס ער דארף האבן לפי ערכו וואס וועט אים איינשטילן, און מאכן אים צופרידן.

- און -

---

98) ד"ה שלוחי מצוה - סוכה שם. הובא בהל' ת"ת לאדה"ז פ"ג בקו"א ד"ה אבל (קרוב לתחלתו). 99) קידושין מ, א. 100) הובא במכתב כ"ק אדמו"ר שליט"א מי"ד בכסלו ה'תשכ"ג (נדפס גם בריש סה"מ תש"ב).

און הגם אז דער קינד איז קודם שהתחיל לדבר - איז אבער אויך ביי אים דא דער ענין פון "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני"[101], און דאס איז לפי דרגתו, ווארום אין קדושה קען מען ניט זאגן אז אייך דרגא איז נאר א הכנה צו א צווייטער דרגא, נאר ס'איז א זיכערע זאך אז אויך דער קינד וואס ליגט אין א וויגעלע האט אין זיך א תכלית מצד זיין דרגא, וואס דערפאר איז דורך זיין אכילה טוט ער אין "לשמש את קונו".

כט. און דערנאך אז דער קינד וואקסט א ביסל אויס, לערנט ער מיט אים קמץ אל"ף אָ, און בשעת ער לערנט דאס מיט אים לייגט ער זיך אריין אין דעם בכדי געבן דאס צו פארשטיין לפי ערך דעם קינד,

און ער טראכט ניט בשעת מעשה אז דער אל"ף איז דער אל"ף פון "אנכי", און דאס איז כולל אין זיך "אנכי", און "אנכי" איז כולל אין זיך אלע עשרת הדברות, וואס זיי זיינען כולל אין זיך גאנץ תורה[102], ונוסף לזה - איז "אנכי" די דרגא פון "מי שאנכי" - "בחי' דלא אתפס בשם ולא אתרמיז בשום אות וקוצא כלל"[103] (העכער פאר שם הוי' און שם אלקים),

וואס אויב ער וועט טראכטן וועגן די ענינים בשעת מעשה וועט ער לערנט מיט דעם קינד - איז פארשטאנדיק וואס פאר א חינוך דער קינד וועט דערפון באקומען.

נאר ער דארף זיך אראפלאזן און צוטראגן צו דעם קינד לפי דרגתו און מאכן אים פאר א כלי קבלה, ד.ה. מסביר זיין דעם קינד אלע ענינים אין זיינע אותיות בכדי <u>ער</u> (דער קינד) זאל דאס פארשטיין.

ביז - צוטראגן זיך צו אים אין אלע זיינע ענינים, ענינים רוחניים, און ענינים גשמיים, ביז אז ער טוט דאס אין אן אופן אז דער קינד זאל זיין צופרידן בסבר פנים יפות, ער זאל פשוט לאכן.

און ווי דער מגיד שרייבט בתחלת ספריו[104] אז אזוי טוט דער אויבערשטער, דער אויבערשטער לאזט זיך אראפ צו דעם בן הקטן, און שפילט זיך מיט אים א שפיל וואס דער קינד האט הנאה דערפון.

ולכאורה: "מי יאמר לו מה תעשה"[105] - דער אויבערשטער

- האט -

------------

101) קידושין בסופה. וראה ילקו"ש ירמי' רמז רעו. 102) ראה פרש"י עה"פ משפטים כד, יב. 103) לקו"ת פינחס פ, ב. וראה זה"ג רנז, ב. 104) לקו"א ואו"ה. 105) ל' הכתוב - קהלה ח, ד.

האט געקענט אויפהויבן דעם קינד צו זיין דרגא, אז דער קינד זאל פארשטיין וואס דער אויבערשטער פארשטייט, וע"ד ווי דאס איז געווען בא מ"ת?

זאגט מען אבער, אז בא מ"ת איז נאר געווען א הוראת שעה, און אין אן אופן פון בלמעלמ"ט; דער אויבערשטער וויל דאך אבער אז דערנאך (נאך מ"ת) זאל זיין עבודה לאט לאט, מלמטלמ"ע.

וואס אויף דערויף פאדערט זיך אז מ'זאל זיך אראפלאזן און צוטראגן צו דעם קינד לפי דרגתו, און שפילן זיך מיט ענינים וואס דער קינד סיי א קינד בגשמיות, סיי א קינד ברוחניות (בידיעות), האט פון זיי הנאה.

ווי רבותינו נשיאינו האבן דאס אלעמאל געמאנט פון יעדערן, ווארום "יעדער יחיד איז א רבים"[106], און די כוונה איז אז ער זאל מאכן פון דעם רבים א ציבור[107].

וואס אויף דעם פאדערט זיך אז ער זאל זיך צוטראגן צו יעדער יחיד פון דעם רבים.

און בכדי צוטראגן זיך צו יענעם, דארף מען זיך פריער אפטראגן פון זיך.

וואס דא רעדט מען ניט וועגן איינעם וואס כל עניניו זיינען ע"פ כוונת האריז"ל, וואס אפילו אזא דארף זיך אויך צוטראגן צו א זולת און טאן מיט אים - עאכו"כ אז מ'רעדט וועגן אזוינע וואס זיינען בלא"ה כבטל זמן אויף ענינים גשמיים, אדער עניני רשות, אדער גלאט ענינים של הבל.

וכידוע דער סיפור מיט כ"ק אדמו"ר נ"ע[108], אז אמאל שמחת תורה האט ער זיך אפגעגעבן מיט ענינים פון פריזיוו,

וואס מה-דאך אזא וואס קען טראכטן און טאן מערער פאר איין זאך בבת אחת, האט זיך אפגעגעבן מיט ענינים פון פריזיוו בשמח"ת - איז עאכו"כ אנשים כערכנו דארפן זיך אפטראגן פון זיך בכדי צו טאן אין כל האמור לעיל.

ל. ביחד עם כל זה, לערנט שנת השמיטה, אז אפילו ווען ער טראגט זיך אפ פון זיך און טראגט זיך צו צו א צווייטן - איז ניט נאר אז דאס דארף זיין אויסגעהאלטן ע"פ תורה, נאר דאס גופא איז תורה.

און דאס איז קיין סתירה ניט - ווארום ער איז א תורה-

- איד -

---

106) סה"מ תש"י ע' 190. 107) ראה שיחת יו"ד שבט וש"פ בשלח ש.ז. 108) ראה תו"ש ע' 70 הע' 1.



הנחה הת' בלתי מוגה

איד, איז ביי אים בכלל ניט שייך ניט תורה, וואו ער גייט, און וואס ער טוט איז דאס תורה וואס גייט און טוט.

און דערפאר איז אפילו אויב ער לערנט ניט תורה דערפאר וואס ער איז זיך עוסק אין א מצוה, איז ניט דער פירוש אין דעם אז דעמולט איז ניטא דער ענין התורה - נאר דאס גופא וואס ער לערנט דעמולט ניט תורה איז דערפאר וואס תורה זאגט אז וויבאלד ער איז זיך עוסק אין א מצוה, און ער קען ניט טאן צוויי זאכן מיט איין מאל, איז ער פטור פון לימוד התורה, כנ"ל (סכ"ז).

און ער איז אזוי דורכגענומען מיט תורה, אז דאס ווערט דער הרגל פון זיין גוף, אז אלץ וואס ער טוט איז ע"פ תורה, ע"ד ווי גערעדט פריער בנוגע צו כ"ק אדמו"ר נ"ע, און ווי די גמרא זאגט "כי מטא למודים מנפשי׳ כרע",

ביז אז דער גוף קען גאר ניט טאן קיין אנדער ענין, בדוגמא ווי א געזונטער גוף קען ניט שפרינגען אין א דבר המזיק[109].

לא. בנוגע לפועל - זאל מען זיך עוסק זיין אין די אלע ענינים האמורים לעיל,

אנהויבנדיק פון דעם ענין פון אהבת ישראל, וואס איז פארבונדן מיט "אהבתי אתכם אמר ה׳"[110], און טאן אין היגוך עצמו, ועד"ז אין היגוך הזולה, און א חינוך אין אלע ענינים, אין "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה", און "מיהו יהודי", און אלע גוטע זאכן.

וואס דורך דערויף האט מען דעם כהר תורה, און די שאר הכתרים, ווארום "בי מלכים ימלוכו", ביז אז מ׳האט דעם כתר שם טוב, וואס דאס איז אויך דעד ענין התשובה,

און דאס ברענגט צו "משיח אתא לאהבא צדיקייא בתיובתא"[111], און ניט נאר "אתא" בלשון עתיד, נאר אויך בלשון הוה,

ביז מ׳וועט זעהן ווי אהרן כהן גדול צינדט אן די מנורה אין דעם בית המקדש השלישי.

* * *

- לב. -

------------

109) ראה טושו"ע חו"מ סו"ס תיח ובנ"כ שם. 110) מלאכי א, ב. וראה היום יום ע׳ מט. 111) ראה לקו"ה שמע"צ צב, ב. שה"ש נ, סע"ב. וראה זח"ג קנג, ב.

לב. האמור לעיל דארף מען אויך פארבינדן מיט דעם מבצע "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים"[112]:

די אידישע קינדער דארפן קוקען צו "לב אבותה", וואס ער הוא להקב"ה לתורתו ולמצוותיו[113], און זאגן זיי אז ס'איז דא דער ענין פון "נשא את ראש" נאך מ"ת, ד.ה. דער ענין ההתנשאות וואס איז געווען בא אידן נאך מ"ת,

וואס דאס איז בא"ע העכער פאר דעם "נשא את ראש", די התנשאות, וואס איז געווען בא אידן פאר מ"ת,

ווארום ווי הויך די התנשאות איז געווען בא אידן פאר מ"ת, וואס דעמולט איז געווען "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים"[114] (וואס דערמיט הויבן זיך אן די עשה"ד וואס מ'האט באקומען בא מ"ת, און דערפון קומט מען צו די אנדערע דברות, "ולא יהי' לך"[115], ביז "כבד את אביך ואת אמך"[116]), אז דער אויבערשטער האט בעצמו ארויסגענומען אידן פון א טיפן גלות - קומט דאס אבער ניט צו דער התנשאות בא אידן נאך מ"ת, וואס דעמולט איז געווען "אתה בחרתנו מכל העמים . . ורוממתנו מכל הלשונות"[117].

און די קינדער זיינען ממשיך אויפמערקזאם מאכן און מעורר זיין די עלטערן, אז מ"ת איז געקומען דורך דעם וואס די עלטערן האבן געזאגט "בנינו ערבים אותנו", אז זייערע קינדער וועלן גיין אויפן דרך און זיין "שמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט"[118], עד סוף כל הדורות,

און דוקא די ערבות האט דער אויבערשטער אנגענומען.

וואס דערפאר - זאגן די קינדער צו די עלטערן - דארפן זיי זיך פירן אין אן אופן פון ההתנשאות ("נשא") ווי דאס איז נאך מ"ת, אין אלע ענינים פון אידישקייט, ובפרט אין מחנך זיין זייערע קינדער אז עס זאל זיך שטענדיק אנהאלטן די ערבות פון "בנינו ערבים אותנו",

אז מ'גייט "בקומה זקופה"[119], ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע מניעות ועיכובים,

און ניט ח"ו דערפאר וואס "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[120], דערפאר וואס מ'האט א סאך געלט, און א סאך כבוד - נאר דערפאר וואס מ'גייט מיטן כח התורה.

- און -

---

112) מלאכי ג, כד ובפרש"י. 113) ראה יל"ש עה"פ שה"ש ה, ב (דמז התקפה). 114) יהרו כ, ב. 115) שם, ג. 116) שם, יב. 117) ראה אבודרהם סדר קידוש ליל שבת בבית הכנסת (ס"ע קנ ואילך). 118) וירא יח, יט. 119) ראה הו"כ ופרש"י עה"פ בחוקותי כו, יג. 120) ראה עקב ח, יז-יח. וראה סכ"ג כל"ת סד.

און די נתינת כח לזה האבן די עלטערן דערפון וואס בא זיי איז דא די התנשאות ווי דאס איז נאך מ"ת, אז מ'הויבט זיי אויף העכער פון עוה"ז הגשמי, וואס דעמולט ווערט גרינגער צו אויספירן דעם "בשבילי (צוליב מיר - וואס תורה ומצוות הם חיינו) נברא העולם"[121], ווארום מ'שטייט העכער פון וועלט.

און דורך דערויף וואס די קינדער רעדן מיט די עלטערן - ווערן די עלטערן באגייסטערט, און דערנאך טוען זיי מערער וויפל די קינדער האבן זיי לכתחלה געבעטן.

לג. ובפרט בשנה זו וואס בײדע טעג פון שבועות (זמן מתן תורתנו), און "אסרו חג" שבועות [וואס דער "אסרו חג בעבותים" פון שבועות האט א שייכות מיוחדת מיט שבועות, מערער פאר דעם "אסרו חג" פון שאר הימים טובים, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין שו"ע[122]], זיינען אלע געווען אין מעלי שבתא[123],

וואס דאס פארבינדט נאך מער זמן מתן תורתנו מיט שבת פרשת נשא.

און דאס איז אויך מדגיש אז די אלע ענינים זיינען אין אן אופן פון תענוג, "וקראת לשבת עונג".

לד. ובפרט אז שנה זו איז א ~~שנת~~ השמיטה, וואס דעמולט נעמט מען צו פון א אידן אלע דאגות גשמיים, סיי אין דעם ענין פון "שדך", די ענינים מוכרחים, און סיי אין דעם ענין פון "כרמך", די ענינים פון תענוג[124],

ביז אין אן אופן פון "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית", אז דער אויבערשטער זאגט אן זיין ברכה בשנה הששית אז די זאל אנקומען צו אידן בשנה השביעית, ביז אויך אין שנה השמינית,

וואס שמיני האט אין זיך כמה מעלות, אנהויבנדיק דערפון וואס ער איז מלשון "שומן"[125], וואס דאס באווייזט אז אלע ענינים זיינען מתוך הרחבה והרווחה, אין בני חיי ומזוני רויחי ובכולם רויחי.

לה. ועד"ז וועט דאס זיין אין די שיהא[126] אלפי שני דהוה - עלמא -

---

121) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 122) או"ח סתכ"ט סי"ח. וראה גם שם סתצ"ד סי"ט. 123) ראה פסחים קו, סע"א. שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ס"ח. 124) ראה ב"י או"ח סר"ז. 125) ראה אוה"ת שמע"צ ריש ע' א'תתיח. סה"מ קונטרסים ח"ב שלח, א. ובכ"מ. 126) ר"ה לא, א.

עלמא[127], אז נאך אין די שיהא אלפי שני וועט זיין "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית", אז דער אויבערשטער וועט מאכן אז נאך אין דעם אלף הששי זאל די עבודה זיין בהצלחה, מתוך הרחבה והרווחה,

און דאס וועט נמשך ווערן אין דעם אלף השביעי און אלף השמיני, וואס דעמולט וועט זיין דער כנור של שמונה נימין, מערער פאר דעם "כנור של מקדש" וואס איז געווען "של שבעת נימין"[128], וואס דער כנור של שמונה נימין איז אויך פארבונדן דערמיט וואס שמיני איז ספירת הבינה, שומר את ההיקף[129].

דערנאך וועט מען צוקומען צו "עלי עשור"[130], דער כנור פון עשרה נימין וואס וועט זיין לע"ל[131], וואס דאס איז ספירת החכמה, וואס דעמולט האט מען אלע עשר ספירות[132],

און דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס לע"ל וועט זיין "כי ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[133], אז נוסף צו די ארצות פון די שבע אומות וואס אידן האבן בזמן הזה, וועלן צוקומען די ג' ארצות פון קיני קנידי וקדמוני[134], וועט מען האבן אלע עשרה ארצות בשלימות,

וואס דאס איז דער עניין פון המשכת המוחין במדות[135], וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם עניין פון ספירת העומר, און יום החמשים לעומר, און דעוא דרעוין, ועוד.

און דאס איז אלץ פארבונדן מיט דעם "והשיב לב אבות על בנים", וואס שטייט בהמשך אחד צו "הנה אנכי שולח לכם את אלי' הנביא לפני בוא יום ה' הגדול והנורא", וואס דאס איז בשורת הגאולה פון אלי' הנביא,

וואס וועט זיין אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין"[136], בקרוב ממש.

* * *

לו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה על שלשה דברים העולם עומד כו'.

* * *

לז. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק מיט פירוש רש"י,

- און -

---

127) ראה רמב"ן עה"פ. ועוד. 128) ערכין יג, ב.
129) ראה שו"ת הרשב"א ח"א ס"ט. וראה ד"ה ויהי ביום השמיני תרע"ח, תש"ד, תש"ה. 130) ל' הכתוב - תהלים צב, ד.
131) ערכין שם. 132) ראה סידור קפט, סע"א ואילך.
133) ראה יב, כ. 134) ספרי עה"פ. ספרי ופרש"י עה"פ שופטים יט, ח. 135) סידור שם. ובארוכה - ד"ה אל תצר את מואב לכ"ק אדהאמ"צ ע' 11 ואילך. 136) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

און זיך שטעלן אויף דיוקים בפירושו לויטן כלל אז אלע ענינים אין פרש"י זיינען בתכלית הדיוק, לא חסר ולא יתיר, ד.ה. אז רש"י איז מפרש נאר פשוטו של מקרא;

אדער מבאר זיין פארוואס רש"י שטעלט זיך ניט אויף א געוויסן ענין וואס איז לכאורה מוקשה ע"ד הפשט, וואס דערפון גופא איז מובן אז דאס איז אדער ווייל אויב מ'לערנט ע"ד הפשט האמיתי - איז דאס מלכתחלה קיין קשיא ניט, אדער ווייל ער פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט מפרש געווען לפנ"ז.

ווי ס'איז אויך מובן דערפון וואס רש"י שרייבט בכ"מ בפירושו [137] (אויך בפירושו לש"ס[138]) "לא ידעתי", וואס דאס מיינט אז אין אלע איבעריקע ערטער איז "ידעתי", און ער איז דאס מפרש, אדער אז ס'איז מובן מעצמו כנ"ל.

אפילו אויב רש"י האט ניט קיין פירוש ע"פ פשש"מ ממש, ברענגט ער א פירוש פון אן "אגדה המיישבת דברי המקרא"[139], אדער ער שרייבט "יפה מפורש בתו"כ כל הפסוק הזה"[140], וכיו"ב.

וועט מען זיך שטעלן אויףביידע ענינים - סיי אן ענין אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך יע, און סיי אן ענין אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך ניט.

אן ענין אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך יע: אין קאפיטל ה פסוק כח שטעלט זיך רש"י אויף "ונקהה", בהמשך צו "ואם לא נטמאה האשה וטהורה היא ונקהה ונזרעה זרע".

לח. פון דעם פסוק האט מען א לימוד מיוחד וועגן א דבר המצער בדורנו זה:

בפשטות מיינט "ואם לא נטמאה האשה וטהורה היא ונקתה ונזרעה זרע" - אז "ונקתה" - זי וועט ריין ווערן פון די "מים המאררים" וואס מ'האט איר געגעבן טרינקען[141], און "ונזרעה זרע" - זי וועט האבן קינדער.

ולכאורה: אין וואס באשטייט די ברכה "ונזרעה זרע" אויב דאס איז א פרוי וואס האט שוין קינדער?

איז דאס לכהחלה קיין קשיא ניט - ווארום ס'איז מובן בפשטות, אויך צו א בן חמש למקרא, אז אפילו אויב מ'האט א קינד, אדער מערערע קינדער, איז דאס א ברכה נוספת בשעת עס וועדט געבארן נאך א קינד.

- ווי -

---

137) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ה ע' 1 שוה"ג הא' להע' 2.
138) נסמנו בגליון הש"ס לרע"א ברכות כה, ב. 139) פרש"י עה"פ בראשית ג, ח. 140) פרש"י עה"פ ויקרא ג, יז.
141) כפרש"י עה"פ.

ווי מ'געפינט דאס בא לאה[142], אז אפילו ווען זי האט געבארן איין קינד, און נאך א קינד וכו', איז ביי איר געווען א ברכה נוספת ווען זי האט געבארן נאך קינדער,

ועד"ז איז נאך פאלן אין דער הורה, נוסף לזה וואס דאס איז מובן בפשטות, כנ"ל.

לט. וואס דאס איז לא כדעת הטועים והטועות (מיט א טי"ת), התועים והתועות (מיט א תי"ו) וואס זיינען שמים חושך לאור ואור לחושך[143], און זיי מיינען אז זיי וועלן באלייכטן זייער לעבן דורך דערויף וואס זיי וועלן ניט האבן קיין קינדער רח"ל, אדער האבן ווייניק קינדער,

און אנדערע האבן גאר רחמנות אויפן אויבערשטן, און זיי ווילן אים פארשפארן - אז אזוי ווי דער אויבערשטער איז "הזן את העולם כולו בטובו בחן ובחסד וברחמים", איז דאך אים געוויס שווער צו געפינען מזון פאר דער איש ואשה - וואס דארף מען אים געבן מער ארבעט, אז ער זאל אויך דארפן געפינען מזון פאר בנים ובנות?!

ער גלויבט אין דעם אויבערשטן, ווארום ער איז א "מאמין בן מאמין"[144], און זי גלויבט אין דעם אויבערשטן, ווארום זי איז א "מאמינה בת מאמינה"[144], בת שרה רבקה רחל ולאה, און זיי גלויבן אז דער אויבערשטער איז "הזן את העולם כולו בטובו", והראי' אז זיי זאגן דאס ביידע אין ברכת המזון, און זיי דאוונען צו דעם אויבערשטן -

נאר זיי האבן "רחמנות" אויף דעם אויבערשטן, און זיי ווילן אים פארשפארן ארבעט - טענה'ן זיי, אז מ'דארף ניט האבן קיין קינדער וואס דער אויבערשטער וועט דארפן גיין געפינען פאר זיי מזון!

מ. אפילו ווען זיי זיינען מקיים דעם ציווי פון "פרו ורבו"[145], און זיי האבן בפועל קינדער - האבן זיי נאר צוויי קינדער, א בן מיט א בת, טענה'נדיק, אז דערמיט איז מען מקיים די מצוה פון פרי' ורבי'[146],

ובפרט ע"פ המבואר אין קבלה[147], אז דער טעם אויף דערויף וואס מצות פרי' ורבי' איז מען מקיים מיט א בן ובת איז דערפאר וואס דורך אב ואם און בן ובת ווערט דער ציור פון

- שם -

------------

142) ויצא כט, לב ואילך. 143) ל' הכתוב - ישעי' ה, כ. 144) ראה שבת צז, א. 145) בראשית א, כח. וראה פרש"י עה"פ שם, כב. 146) יבמות סא, סע"ב במשנה. רמב"ם הל' אישות פט"ו ה"ד. טושו"ע אה"ע ס"א ס"ה. 147) לקוטי הש"ס להאריז"ל ליבמות.

שם הוי׳, דער אב וואס זיינען כנגד י"ה פון שם הוי׳, און דער בן ובת זיינען כנגד ו"ה פון שם הוי׳.

האט מען - טענה׳ן זיי - די מצוה פון פרי׳ ורבי׳, און מ׳האט דעם גאנצן שם הוי׳, און נוסף לזה - האט מען אויך "רחמנות" אויף דעם אויבערשטן, אז ער זאל ניט דארפן באזארגן מיט מזון מער ווי איש ואשתו און בנו ובתו - איז וואס דארף מען מערער קינדער?!

מא. דערנאך קומט צוגיין דער "קלוגינקער" און רעדט איין דעם מאן און דער פרוי, אז ס׳איז גאר א ברכה און דאס וועט באלייכטן דעם לעבן בשעת מ׳וועט האבן וואס ווייניקער קינדער,

ווארום דעמולט וועלן זיי האבן מער כחות און צייט פאר זיך צו טאן אלע גוטע זאכן.

ביז אז מ׳וועט האבן צייט צו גיין טאן אין הפצת היהדות און אין הפצת המעיינות און גיין טאן אין די מבצעים וכו׳.

און מיט דעם אויסרייד טוט דער מאן און די פרוי כמה ענינים צו מונע זיין לידה, וואס זיינען אפשר אויסגעהאלטן ע"פ קיצור שו"ע וואס איז איבערגעזעצט אויף שפת המדינה - אז צוליב דעם וואס מ׳האט ניט קיין צייט, אדער צוליב יופי, אדער צוליב מה יאמרו הבריות - דארף מען ניט האבן מערער פאר איין בן און איין בת.

אבער באמת איז דאס ניט אויסגעהאלטן אויך לויט דעם קיצור שו"ע, ועאכו"כ ניט אויסגעהאלטן ע"פ שו"ע. און ע"פ חסידות - איז דאס היפך פון שיטת חסידות!

ובלשון הרמב"ן [148] איז דאס איינער וואס איז "נבל ברשות התורה".

מב. וואס דאס איז דער דבר המבהיל וואס שמים חושך לאור ואור לחושך:

דורך דעם וואס מ׳האלט זיך אפ פון האבן קינדער, נעמט מען צו פון זיך בידים א ברכה עיקרית פון דעם אויבערשטן!

וואס האבן קינדער איז איינע פון די גרעסטע ברכות וואס דער אויבערשטער קען שענקען צו א מאן און א פרוי.

און ווי ס׳איז פארשטאנדיק בפשטות בא יעדער מענטש וואס טראכט און רעדט און פירט זיך אין א נארמאלן אופן.

- דער -

------------

148) ר"פ קדושים.

דער אויבערשטער האט אבער אפגעגעבן בהירה צו דעם מענטשן, און ער וויל אז דער מענטש זאל באווייזן אז ער איז פון דעם "עם הכם ונבון"[149], און ער איז בוחר בחיים, און ניט ח"ו להיפך.

און דא קומט מען און מ'נעמט צו בידים איינע פון די גרעסטע ברכות וואס דער אויבערשטער קען געבן א מענטשן!

וואס דורך דערויף ברענגט מען אריין היפך הברכה און הושך רח"ל, אין חייו בעוה"ז [און עוה"ב וועט ער זיכער האבן ש"י עולמות און נאכמער, ווארום ער וועט זיכער תשובה טאן, ו"בל ידח ממנו נדח"[150], אבער אין עוה"ז ברענגט ער אריין בא זיך היפך הברכה]!

און דאס טוט מען מיט דער טענה אז דער אויבערשטער קען ח"ו ניט באזארגן נאך עטליכע קינדער מיט מזון.

וואס דאס איז א שטות צו זאגן, אז אין א וועלט פון פיר ביליאן מענטשן קען דער אויבערשטער ניט שפייזן נאך אן איינגעלע און נאך א מיידעלע!

ובכלל - וואס מישט מען זיך אין די געשעפטן פון דעם אויבערשטן: דער אויבערשטער איז א חושב חשבונות כל באי עולם יעברו לפניו כבני מרון[151], ער ווייסט אלע חשבונות וואס די מענער און די פרויען מאכן, און ער דארף ניט אנקומען אז מ'זאל אים פארשפארן פון דארפן געפינען מזון פאר נאך אן איינגעלע און נאך א מיידעלע, ווארום ס'איז "לי הכסף ולי הזהב"[152].

א אידישער מאן און א אידישע פרוי דארפן זיך ניט מישן אין דעם אויבערשטן'ס השבונות; זיי דארפן פירן א נארמאלן פאמיליע-לעבן, ע"פ תורה, ע"פ טהרת המשפחה, און מקיים זיין דעם "שארה כסותה ועונתה לא יגרע"[153], און די אשה זאל דאס מקיים זיין מצדה, און ווייטער לאזן דעם אויבערשטן פירן ווי ער וויל.

און דעמולט (אויב מ'איז נאר ניט מעכב דעם אויבערשטן'ס ברכה, כביכול) בענטשט דער אויבערשטער טאקע, ניט נאר מיט צוויי קינדער נאר מיט פיר קינדער, און מיט נאכמער און נאכמער, און פארוואס טאקע ניט ביז מ'האט א אייגענעם מנין באם טיש.

מג. און טאמער מ'האט א ספק בדבר צי מ'דארף זיך אזוי פירן - איז -

------------

149) ואתחנן ד, ו. 150) ע"פ ש"ב יד, יד. וראה הל' ה"ת לאדה"ז פ"ד סוס"ג. תניא ספל"ט. 151) ע"פ פיוט "ונתנה תוקף" בתפלת מוסף דר"ה ויוהכ"פ. 152) חגי ב, ח. 153) משפטים כא, י.

- איז "פוק חזי מאי עמא דבר"[154] - זאל מען א קוק טאן ווי אידן האבן זיך געפירט ווען זיי האבן געלעבט על ארצם, אין א"י, ועד"ז אין די אלע דורות פון גלות אפילו ווען ס'איז געווען דער חושך הגלות, עס איז אבער ניט געווען דער חושך כפול ומכופל כבדורנו זה:

פרומע אידן במשך כל הדורות, האבן אלע געהאלטן דעם ענין פון האבן א סאך קינדער אלס די גרעסטע ברכה וואס קען זיין, און כמה פון זיי זיינען טאקע געבענטשט געווארן מיט א סאך קינדער.

אין דעם איצטיקן דור, מצד דעם חושך כפול ומכופל, איז שמים חושך לאור ואור לחושך, און מ'רעדט זיך איין אז דורך ניט האבן א סאך קינדער ווערט גאר ליכטיק און רואיק אין לעבן, ווארום מ'דארף ניט אפגעבן צייט און כחות אויף די קינדער, און מ'קען טאן וואס מ'וויל, ביז אז מ'האט צייט און כחות צו טאן גוטע זאכן פאר אידישקייט!

וואס כאמור, דאס נעמט מען צו פון זיך בידים די גרעסטע ברכה און ליכטיקייט און ווארעמקייט וואס דער אויבערשטער גיט א מענטשן, אז מ'זאל האבן קינדער, ביז האבן א סאך קינדער, ביז האבן א מנין באם טיש, און מ'וויל זיך ניט פארגינען מגדל זיין די קינדער להורה ולחופה ולמעשים טובים.

מד. דער דבר המצער בזה איז ניט נאר די עצם זאך וואס עס געפינען זיך אידן וואס פירן זיך אזוי - נאר נאכמער וואס אין פוצה פה ומצפצף:

עס טרעפן זיך מזמן לזמן כו"כ כינוסים פון אנשים ועד"ז פון נשים, און מ'רעדט וועגן אלע גוטע זאכן, וואס זיינען טאקע גוטע זאכן, און "אז נדברו יראי ה' איש אל רעהו ויקשב ה' וישמע, ויכתב ספר זכרון לפניו גו'"[155] -

אבער בנוגע צו דעם דבר גדול ועיקרי רעדט מען ניט.

מה. די כוונה פון דעם רעדן וועגן דעם איצטער איז אויף צו מעורר זיין אז מ'זאל וויסן אז די גרעסטע ברכה וואס דער אויבערשטער קען געבן א מענטשן איז צו האבן קינדער, און וואס מערער קינדער מ'האט - איז די ברכה א גרעסערע.

און ווי מ'זעט דאס בפועל:

- דער -

---

154) ל' הש"ס - ברכות מה, רע"א. וש"נ. 155) ל' הכתוב - מלאכי ג, טז. וראה אבות פ"ג מ"ג.

דער גרעסטער נחת רוח וואס א פרוי, און עד"ז א מאן, קענען האבן, איז - ווען זיי האבן קינדער, און זיי זעהן ווי זייערע קינדער וואקסן אויף, און לעבן בדרך התורה והמצוות.

און ס'איז ניט דער פשט אז בשעת מ'האט איין קינד קען מען ניט האבן מערער נחת און תענוג - נאר אדרבה:

דער טבע האדם איז - אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתים"[156], וואס אזוי דארף זיין דער טבע פון א מענטשן ע"פ תורה (אין גוטע זאכן),

איז בשעת א מאן און א פרוי האבן א קינד ווילן זיי האבן מערער קינדער, און פון יעדער קינד בפ"ע האבן זיי נחת והענוג:

פון איין קינד אין קו התורה, פון דעם צווייטן קינד אין קו העבודה, און פון דעם דריטן קינד אין קו הגמ"ח וכו'.

מד. און אויב ח"ו מ'איז מגביל דעם מספר קינדער וואס מ'האט געקענט האבן (דורך די ברכות פון דעם אויבערשטן) - איז שפעטער ווען מ'ווערט עלטער, האט מען דערפון חרטה אז מ'האט ניט אויסגענוצט דעם אויבערשטן'ס ברכות במילואם.

און ווי דאס איז אויך בפשטות:

בשעת עלטערן האבן נאר איין קינד אדער צוויי קינדער, איז ווען די קינדער וואקסן אויס און זיי גייען אוועק פון די עלטערן, און זיי בויען-אויף אייגענע משפחות - איז ווען די עלטערן ווילן גיין זעהן די קינדער מיט די אייניקלעך, און אויב זיי זיינען זוכה - אויך די אור-אייניקלעך - קענען זיי נאר גיין יעדן האלבן יאר וכיו"ב,

ווארום זיי קענען ניט בלייבן בא די קינדער די גאנצע צייט, דערפאר וואס "הוקר רגלך מבית רעך"[157]: אע"פ וואס עס דארף זיין "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם", האט אבער דער זון (אדער טאכטער) זיינע אייגענע ענינים וואס זיינען ניט די ענינים פון די עלטערן, קענען די עלטערן ניט זיצן ביי אים אין שטוב די גאנצע צייט.

כוזן די עלטערן בלייבן בא זיך אומעדיק און ניט האבן צו וועמען אפרעדן די הארץ (אין דברים טובים) צווישן איין מאל פארן צום קינד ביז צום צווייטן מאל.

משא"כ אויב עלטערן האבן א סאך קינדער, קענען זיי

- פארן -

------------

156) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. 157) משלי כה, יז.



הנחה הת' בלתי מוגה

פארן צו איין קינד, און בלייבן ביי אים א משך זמן, און דערנאך פארן צום צווייטן קינד וכו׳!

ועד"ז קומען די קינדער מיט די אייניקלעך פון צייט צו צייט צו זייערע עלטערן און זיידעס און באבעס, און מ׳זיצט אלע צוזאמען א מניך באם טיש, און ס׳איז דא ע"ד ווי דער "ושמחת לפני ה׳ אלקיך אתה ובנך ובתך"[158], און די זיידעס און באבעס קלייבן א סאך נחת פון אלע קינדער און אייניקלעך.

מז. ונוסף צו דעם נחת און תענוג מיט אלע ענינים וואס עלטערן באקומען פון קינדער - איז דא אויך דער ענין וואס האבן קינדער איז א ציווי אין תורה, פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה", און דאס איז ניט סתם א ציווי אין תורה, נאר דאס איז דער ערשטער ציווי אין תורה, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר[159] איז מדייק אז אויך סדר אין תורה איז תורה.

וואס "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה"[145], מיינט בפשטות, אז מ׳דארף האבן קינדער, און א סאך קינדער, און זיי אויפהאדעווען אז עס זאלן זיין "ומלאו את הארץ וכבשוה".

וע"ד ווי עס שטייט אין ספרי מוסר אויפן פסוק[160] (וואס מ׳גייט באלד ליינען) "בהעלותך את הנרות", אז יעדער איד איז א "נר"[161], און די כוונה פון דעם נר איז, ניט אז דאס זאל ליגן ע"ד ווי א ליכט ליגט אין א קעסטל, נאר אז מ׳זאל אים אריינשטעלן אין "מנורה זהב כולה"[162], צוזאמען מיט כל ישראל[163], און דאס אליין איז אויך ניט מספיק - נאר מ׳דארף דאס אנצינדן[164] ("בהעלותך"), אז דאס זאל זיין א "נר להאיר", דאס זאל לייכטן און באלייכטן כל העולם כולו.

וואס יעדער אידיש-קינד גלייך ווי ער ווערט געבארן איז ער אזוי ווי א נר, און די כוונה איז אז מען זאל פון אים מאכן א "נר להאיר", ביז אז עס זאל זיין "ומלאו את הארץ וכבשוה".

מח. ונוסף לזה:

בשעת מ׳טראכט זיך אריין אין דעם ענין פון מ"ת (וואס מיר קומען דאך איצט פון זמן מתן תורתנו) - איז דאך מ"ת געווען אין אן אופן אז אויב עס וואלט געפעלט אפילו איין איד, וואלט די תורה ניט געגעבן געווארן ח"ו[165].

- וואס -

---

158) ראה טז, יא. 159) ראה לקו"ד כרך ד תשמו, א. וראה לקו"ש ח"ב ע׳ 551. שם ע׳ 563. 160) ר"פ בהעלותך.
161) ראה לקו"ת ר"פ בהעלותך. 162) ל׳ הכתוב - זכרי׳ ד, ב (הפטרת ש"פ בהעלותך). 163) ראה לקו"ת שם. 164) ראה היום יום ע׳ סא. 165) מכילתא עה"פ יתרו יט, יא. דב"ר פ"ז, ח. ועוד.

וואָס דאָס איז מדגיש אויף וויפל ס'איז נוגע צו האָבן יעדער איד, און וויפל עס פעלט - אויב עס פעלט ח"ו איין איד וואָס האָט געדאַרפט אַראָפּקומען אין וועלט, און מ'האָט אים אָפּגעהאַלטן פון אַראָפּקומען.

ועד"ז איז דאָס מודגש אין דעם וואָס רז"ל [166] זאָגן אַז "אין בן דוד בא עד שיכלו כל נשמות שב(אוצר הקרוי) גוף".

וואָס דערפון איז פאַרשטאַנדיק אויף וויפל מ'דאַרף זיך משתדל זיין בנוגע צו האָבן קינדער, און וויפל עס ווערט אויפגעטאָן בשעת אַ קינד ווערט געבאָרן, וואָרום דורך דערויף היילט מען צו דעם זמן וואָס עס וועט זיין "יכלו כל נשמות שבגוף".

מט. אין דעם פסוק "ואם לא נטמאה האשה וטהורה היא ונקתה ונזרעה זרע", שטעלט זיך רש"י אויף דעם וואָרט "ונקתה" און זאָגט: "ונקתה ממים המאררים, ולא עוד אלא ונזרעה זרע: אם היתה יולדת בצער הלד בריוח, אם היתה יולדת שחורים יולדה לבנים".

דאַרף מען פאַרשטיין:

א) וואָס איז דאָ שווער אין פשש"מ, אַז רש"י זאָל זיך בכלל דאַרפן שטעלן און מפרש זיין דעם פסוק: אַז דער בן חמש למקרא וועט לערנען דעם פסוק, וועט ער אַליין פאַרשטיין אַז "ונקתה" מיינט "ממים המאררים", ווי ער האָט געלערנט פריער [167] אַז דער כהן זאָגט דער אשה "הנקי ממי המרים המאררים האלה" - איז צוליב וואָס דאַרף זיך רש"י בכלל שטעלן און מפרש זיין דעם פסוק?

מפרשי רש"י [168] לערנען, אַז רש"י קומט באַוואָרענען מ'זאָל ניט לערנען אַז דער "ונקתה" איז פאַרבונדן מיטן "ונזרעה זרע", ד.ה. "ונקתה" פון זאַכן וואָס שטערן צום "ונזרעה זרע" - נאָר "ונקתה - ממים המאררים".

לפ"ז איז אָבער ניט מובן: וואָס איז רש"י'ס קס"ד אַז "ונקתה" דאָ איז אַ נייער ענין ("ונקתה ונזרעה זרע"), און ניט "ונקתה - ממים המאררים"? ובפרט אַז לפ"ז וועט אויסקומען אַז "ונקתה" דאָ מיינט אַן אַנדער זאַך פון דעם וואָס דער כהן האָט פריער געזאָגט "הנקי ממי המרים המאררים האלה";

לאידך גיסא: אויב מ'נעמט אָן אַז ס'איז דאָ אַ מקום לומר אַז דאָ מיינט טאַקע אַ נייער ענין, און אַז ס'איז קיין שאלה ניט דערפון וואָס דער כהן האָט פריער געזאָגט "הנקי ממי המרים המאררים האלה" - איז די שאלה: פאַרוואָס נעמט טאַקע רש"י -

---

166) יבמות סב. סע"א ובפרש"י שם. 167) פרשתנו ה, יט. 168) רא"ם ושפ"ח עה"פ.



הנחה הת' בלה"ק מוגה

רש"י ניט אן דעם פירוש?

ואדרבה, פון סגנון הכתוב "ונקתה ונזרעה זרע" איז משמע אזוי, אז דאס איז ניט "ונקתה - ממים המאררים", ווי דער כהן האט פריער געזאגט, נאר "ונקתה" פון זאכן וואס שטערן צום "ונזרעה זרע".

ובפרט אז לפ"ז וועט זיין פארשטאנדיק ווי קומט דא אריין "ונזרעה זרע" - ווארום דער פסוק זאגט דא א נייעם ענין ("ונקתה (פון זאכן וואס שטערן צום) ונזרעה זרע"), משא"כ לויט פרש"י (אז "ונקתה" מיינט "ונקתה - ממים המאררים", אזוי ווי דער כהן האט פריער געזאגט) איז ניט פארשטאנדיק ווי קומט דא אריין "ונזרעה זרע" בהמשך צו "ונקתה".

ב) עד"ז איז ניט מובן אין רש"י'ם פירוש אויף "ונזרעה זרע" - "אם היתה יולדת בצער תלד בריוח, אם היתה יולדת שחורים יולדת לבנים": פארוואס לערנט ניט רש"י כפשוטו - אז זי וועט האבן קינדער, וואס דאס איז אויך א ברכה ע"פ פשש"מ (וכנ"ל בארוכה).

אין גמרא [169] שטייט: "ונקתה ונזרעה זרע, שאם היתה עקרה נפקדת, דברי ר' עקיבא, אמר לו ר' ישמעאל אם כן יסתרו כל העקרות ויפקדו", קען מען לכאורה זאגן אז דעריבער לערנט רש"י ניט אז "ונזרעה זרע" מיינט האבן קינדער בכלל - ווייל דער פסוק איז דאך בפשטות כולל אלע נשים (אויך עקרות), ובמילא ווערט די שאלה "אם כן יסתרו כל העקרות ויפקדו" -

באמת איז אבער די שאלה ניט שווער ע"פ פשוטו של מקרא:

ערשטן'ס, כדי עס זאל זיין שתיית המים המאררים איז ניט גענוג "יסתרו" אליין; עס מוז זיין כמה תנאים בדבר: עס מוז פריער זיין "קינוי" פון דעם בעל [170] (און דער קינוי דארף זיין בעדים[171], ועד"ז דערנאך איז די סתירה אויך בעדים וכו'[172]), ווי געלערנט אין די פריערדיקע פסוקים - ובמילא איז קיין שאלה ניט "אם כן יסתרו כו'";

און בדוחק קען מען זאגן נאך מער - אז דער פסוק "ונזרעה זרע" רעדט נאר וועגן נשים וואס זיינען ראוי לזריעה, ניט וועגן עקרוה; דאס איז א ברכה וואס דער אויבערשטער גיט, אבער ניט קיין נס, און ביי אן עקרה איז טאקע ניטא דער ענין.

- במילא -

------------

169) סוטה כו, א. 170) פרשתנו שם, יד ובפרש"י.
171) ריש מס' סוטה בכשנה. רמב"ם הל' סוטה פ"א ה"א.
172) סוטה שם. רמב"ם שם ה"ב. פרש"י עה"פ שם, יג.

במילא דארף מען פארשטיין, כאמור, פארוואס איז רש"י ניט מפרש די ווערטער "ונזרעה זרע" - כפשוטן?

ג) אז מ'גיט א קוק אין רש"י'ס מקור, וואס דאס איז די גמרא אין סוטה הנ"ל (וואס הגם אז דער בן חמש האט דאס ניט געלערנט, האט דאס אבער רש"י יע געלערנט, און פון דארטן גענומען זיין פירוש), זעט מען גאר א מאדנע זאך: דארטן ברענגען זיך פיר פרטים אין "ונזדעה זרע": "שאם היתה יולדת בצער יולדת בריוח נקבות יולדת זכרים קצרים יולדת ארוכים שחורים יולדת לבנים".

דארף מען פארשטיין: פארוואס קלייבט אוים רש"י דוקא די צוויי ענינים פון "יולדת בצער תלד בריות" און "יולדת שחורים יולדת לבנים"?

און בפרט אז ער קלייבט אוים דעם ערשטן ענין און דעם לעצטן, און איז משמיט די צוויי ענינים שבינתיים, און איז זיי אפילו ניט מרמז מיט א "וכו'".

ד) פארוואס שרייבט רש"י דעם לשון "ולא עוד אלא ונזרעה זרע" - דאס איז ניט דער סגנון הרגיל בפירוש רש"י (ער האט דאס געדארפט שרייבן מיט א וא"ו המוסיף וכיו"ב)?

ה) פארוואס האט דער כהן פריער ניט דערמאנט דעם ענין פון "ונזרעה זרע"?

ועוד כמה דיוקים,

וכפי שיתבאר לקמן, מיוסד אויפן כלל האמור, אז רש"י האט בפירושו באווארענט אלע שאלות, און ער פארלאזט זיך ניט אויף מפרשים, וואס זיינען געדרוקט געווארן כו"כ דורות לאחריו.

ב. עד"ז איז דא א דיוק אין אן ענין וואס רש"י שטעלט זיך ניט -

וואס דאס איז אין דעם שיעור פון יום חמישי בשבוע זה, חגה"ש - וואס מפני קוצר הזמן האט מען דאס ניט גערעדט בשבועות - און דאס איז אין דעם ענין פון קרבנות הנשיאים:

אין דער פרשה[173] ווערט דערציילט: "ויביאו את קרבנם לפני ה' שש עגלות צב ושני עשר בקר עגלה על שני הנשיאים ושור לאחד, ויקריבו אותם לפני המשכן".

איז לכאורה אינגאנצן ניט מובן[174]:

ווי קומט עס אז מ'זאל ברענגען "עגלה על שני הנשיאים";

- מ'זעט -

-------------

173) ז, ג. 174) ראה גם שיחת ש"פ נשא תשל"ג. מוצאי ש"פ נשא תשל"ח כ"ד.

מ׳זעט "אך בא קרבנות בכלל אז די נשיאים האבן געבראכט א ריבוי קרבנות -

ביז ווי רש"י[175] ברענגט אראפ "מה ראו הנשיאים להתנדב כאן בתחלה ובמלאכת המשכן לא התנדבו תחלה? אלא כך אמרו הנשיאים יתנדבו צבור מה שיתנדבו ומה שמחסרין אנו משלימין, כיון שראו שהשלימו צבור את הכל, שנא׳[176] והמלאכה היהה דים, אמרו מעתה מה לנו לעשות, הביאו את אבני השוהם והמילואים לאפוד ולחושן. לכך התנדבו כאן תחלה" - איז מה-דאך אז בא "מלאכת המשכן" האבן די נשיאים געבראכט די אבנים טובות וכו׳ - עאכו"כ אז בא חנוכת המשכן האבן זיי געדארפט ברענגען בשלימות וכו׳ -

איז פארוואס האבן זיי געבראכט בלויז __איין__ עגלה אויף __צוויי__ נשיאים?!

מילא דאס וואס זיי האבן געבראכט "שור לאחד" און סך-הכל "שני עשר בקר" - איז מובן, ווייל יעדערער פון זיי האט געבראכט עכ"פ איין שור בשלימות, און ברענגען מערער - איז דאך אין לדבר סוף: וויפל מ׳וועט נאר ברענגען וואלט מען געקענט פרעגן פארוואס ברענגען זיי ניט מערער,

ונוסף לזה - קען מען זאגן אז מ׳האט ניט געדארפט האבן מערער פאר י"ב שוורים;

אבער עגלות האט מען דאך געקענט ברענגען מערער, און דעמולט וואלט מען געקענט לייגן אויף זיי די קרשים בערער בריוח ובהרחבה:

בני מררי, נושאי הקרשים[177] האבן דאך געקראגן "ארבע העגלות"[178], און וויבאלד אז עס זיינען געווען 48 קרשים, קומט אוים אז אין יעדער עגלה האט מען געלייגט 12 קרשים, וואס יעדער קרש איז געווען "עשר אמות אורך" און "אמה וחצי האמה רוחב"[179];

און אויב מ׳וואלט געבראכט 12 עגלות, און בני מררי וואלטן געקראגן 8 פון זיי - וואלט אין יעדער עגלה געווען 6 קרשים - וואס דאס איז א סאך גרינגער וכו׳.

ווערט דאך נאך שטארקער די שאלה: פארוואס האט מען געבראכט נאר 6 עגלות, ובפרט אז מ׳האט געוואלט ברענגען א מתנה חשובה וכו׳?

- נא. -

------------

175) פרשהנו שם, ג. וראה פירושו עה"פ ויקהל לה, כז.
176) ויקהל לו, ז. 177) פרשתנו ד, לא. 178) פרשהנו ה, ה.
179) תרומה כו, טז.



הנחת הה׳ בלתי מוגה

נא. ע"ד הכוסר האט מען געדעדט אבאל[180] די הוראה דערפון, אז יעדער זאך וואס א איד טוט בעבודה ה', דארף ער אין דעם אויסנוצן זיינע כחות בתכלית השליכות, "כדבעי לי' למיעבד"[181], ע"ד ווי מ'זעט דא, אז מ'האט אויסגענוצט יעדער עגלה אין דער פולסטער מאם -

וואס דערפון איז א הוראה בעבודת האדם, אנהויבנדיק פון לימוד ההורה: ער זאל ניט טראכטן אז ס'איז גענוג וואס ער לערנט א האלבן טאג אדער ¾ טאג; און עד"ז אין תפילין - ער זאל ניט טראכטן אז ס'איז גענוג ער זאל קויפן כשר'ע תפילין, ער דארף ניט האבן תפילין וואס זיינען בתכלית ההידור; ועד"ז בשאר המצוות -

נאר ער דארף אויסנוצן יעדער כח וואס ער האט אין דער פולסטער מאס.

- דער בן חמש למקרא האט אבער דעם עניין נאך ניט געלערנט, די איינציקע זאך וואס ער האט געלערנט איז, אז קרבנות דארף יעדערער ברענגען א גאנצן קרבן בשלימות, כמ"ש[182] "אדם כי יקריב מכם", אדם לשון יחיד, און בשעת צוויי מענטשן קענען זיין שותפים אין איין קרבן - דארף מען דערצו האבן א לימוד מיוחד[183], וכמובן אויך בפשטות.

איז ביי אים אינגאנצן ניט פארשטאנדיק פארוואס האבן די נשיאים געבראכט בלויז איין עגלה אויף צוויי נשיאים?!

וכפי שיתבאר לקמן.

נב. אין די הערות אויף זהר בפרשתנו - איז פאראן אין פ' נשא א הערה אויף א מאמר הזהר וואס מ'זאגט בתיקון ליל שבועות[184]:

"תדי ר"ש ואמר ה' שמעתי שמעך יראתי [וואס דאס איז א פסוק אין חבקוק[185], וואס מ'זאגט אים אין דער הפטורה פון יום ב' דחגה"ש], התם יאות הוה למהוי דחיל, אנן בחביבותא תלייא מילהא, דכתיב[186] ואהבת גו' וכתיב[187] מאהבת ה' גו' וכתיב אהבתי אתכם וגו'".

שטעלט ער זיך אין דער הערה[188], און איז מבאר די חילוקים פון די דריי פסוקים וואס ר"ש ברענגט.

דאס וואס ער איז אבער ניט מבאר איז: חבקוק איז דאך

- געווען -

---

180) שיחת מוצאי ש"פ נשא הנ"ל סל"ב. 181) ראה כתובות סז, רע"א. 182) ויקרא א, ב. 183) פרש"י שם. 184) זח"א קכה, א. 185) ג, ב. 186) ואתחנן ו, ה. 187) שם ז, ח. 188) לקוטי לוי"צ לזה"ג ס"ע שנה ואילך.

געווען א נביא, און ער האט געזאגט אין זיין נבואה אז "שמעתי שמעך יראתי", און דאס איז אויך פארבונדן מיט מ"ת, ווי ס'איז פארשטאנדיק וואס מ'זאגט דעם פסוק אין דער הפטורה פון יום ב' דחגה"ש, כנ"ל – איז ווי קען דערנאך רשב"י זאגן "אנן בחביבותא תליא מילתא"?

וכפי שיתבאר לקמן.

נג. אין היינטיקן פרק פון פרקי אבות (לפי המנהג צו לערנען פרקי אבות "כל שבתות הקיץ"; וואס מ'געפינט דאך כמה מאמרים פון רבותינו נשיאינו פון די שבתים נאך שבועות, וואס שטעלן זיך אויף א משנה אין פרקי אבות – ע"ד ווי דער מאמר ד"ה על שלשה דברים עזר"ת, וואס פון דארטן האט מען גענומען דעם מאמר) –

איז בהמשך צום שטורעם וועגן "והשיב לב אבות על בנים", וועט מען זיך שטעלן אויף א משנה וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תלמידים:

צווישן די "שלשה דברים" וואס אנשי כנסת הגדולה האבן געזאגט, איז דא דער מאמר[189] "והעמידו תלמידים הרבה".

וואס מ'האט שוין אכאל גערעדט אין דער משנה – אבער ס'איז דאך "אי אפשר לבית המדרש בלא חידוש"[190].

דארף מען פארשטיין:

א) וויבאלד אז אבות זיינען "מילי דחסידותא" – איז וואס איז די מדת חסידות אין דעם ציווי "והעמידו הלמידים הרבה": ס'איז דאך א פסוק מפורש[191] "ושננתם לבניך – אלו התלמידים"; און ווי עס ברענגט זיך אין שו"ע[192] און אין הל' ה"ת פון דעם אלטן רבי'ן[193], אז "מ"ע . . על כל חכם והכם מישראל ללמד את כל התלמידים" – איז וואס איז די מדת חסידות פון "והעמידו תלמידים הרבה"?

ב) וואס איז דער קשר פון דעם מאמר צו די אנדערע צוויי מאמרים וואס זיי האבן געזאגט: "הוו מתונים בדין" און "ועשו סיג לתורה"?

וכפי שיתבאר לקמן.

נד. בהמשך* צו דעם שטורעם וואס מ'מאכט איצטער, און וואס – מ'מאכט –

---

189) רפ"א. 190) חגיגה ג, א. 191) ואתחנן ו, ז. ספרי ופרש"י עה"פ. 192) הל' ה"ת פ"א ה"ב. 193) פ"א סוס"ח.

---

*) מכאן ועד סו"ס סב – הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א, ויו"ל בפ"ע.

מ'מאכט אין די לעצטע וואכן, בנוגע צו קינדער,

און בהמשך צו דעם וואס מ'האט צוזאמענגעקליבן קינדער אין די טעג פאר חג השבועות, און אין חג השבועות עצמו צו קריאת עשרה הדברות, און וואס מ'האט דערמאנט בקיצור[194] אויך וועגן ימי התשלומין פון חג השבועות -

איז מען מציע און מ'גיט א הוראה למבקשים (הוראה) ועל כנה לפרסמה, אז אויך אין די ימי התשלומין פון חג השבועה זאל מען צוזאמענקלייבן, איין מאל, ומה טוב - צוויי מאל, אידישע קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך[195].

אנהויבנדיק פון צוזאמענקלייבן זיי אין די בתי-ספר וואו זיי לערנען תורה, וואס דעמולט דארף מען ניט האבן קיין השתדלות יתירה זיי צוזאמענקלייבן, ווארום זיי געפינען זיך דארטן בלאו הכי, מ'דארף נאר מוסיף זיין אויף זייער סדר לימוד הרגיל און זיי צוזאמענהאלטן.

און איין מאל זאל מען זיי צוזאמענקלייבן אין א בית הכנסה, "מקום שמגדלין בו תפלה"[196].

נה. ועד"ז זאל מען צוזאמענקלייבן קינדער אין די בתי ספר וביהכנ"ס אין ארץ הקודש.

ונוסף לזה זאל מען זיי אויך צוזאמענקלייבן אין די מקומות הקדושים,

ובמיוחד בא דעם כותל המערבי, וואס "לעולם אין השכינה זזה מכותל מערבי של בית המקדש"[197],

און אין מערת המכפלה, וואס זיכער וועט מען באקומען א רשיון אז מ'זאל דאס דארטן קענען טאן, במכ"ש פון דעם וואס מ'האט באקומען א רשיון צו דאס טאן אין די טעג פאר חג השבועות.

און וויבאלד אז רחל אמנו געפינט זיך ניט אין מערת המכפלה - איז בכדי צו משלים זיין אלע פיר אמהות (שרה, רבקה, רחל ולאה) זאל מען צוזאמענקלייבן קינדער אויך באם קבר רחל אמנו, וואס זי בעט רחמים און איז מזרז און מעודד

- אידן -

---

194) בשיחה יום ה' פ' במדבר, ערב ר"ח סיון ס"ח ואילך.
195) ע"ד שהי' בעת מ"ת בנוגע להגדולים - "כה תאמר לבית יעקב - אלו הנשים, והגיד לבני ישראל - אלו האנשים" (מכילתא עה"פ יתרו יט, ג. וראה גם פרש"י עה"פ).
196) מגילה כז, א. 197) שמו"ר פ"ב, ב. תנחומא באבער שמות י. מדרש תהלים עה"פ יא, ד.

אידן בזמן הגלות, כמסופר במדרשי חז"ל[198], און "עד ההוא יומא ממש" - דעם טאג פון ארויסגיין פון גלות פון ישראל ושכינתא[199].

נו. און אע"פ אז "כל ישראל בחזקת כשרות"[200] - האט מען דאך זיכער צוזאמענגעקליבן די קינדער אין די טעג פאר חג השבועות, און בחג השבועות עצמו, ובהכלית השלימות אין אלע פרטים -

וויבאלד אבער אז פון דעמולט איז צוגעקומען נאך א טאג (נאך טעג), איז מען במילא געווארן קליגער מיט נאך א טאג (און לאו דוקא קליגער נאר מיט נאך א קלוגשאפט פון איין טאג, נאר אפשר נאך מער), איז מען במילא געווארן פרימער מיט נאך א טאג - איז איצטער (אין דעם נייעם טאג) ניט מספיק די שלימות, דאס וואס עס האט געהייסן שלימות אין די טעג שלפנ"ז.

וואס דערפאר איז מען מציע און מ'בעט וכו' אז מ'זאל ממשיך זיין אין צוזאמענקליבן די קינדער אויך אין די ימי התשלומין פון חג השבועות.

נז. וואס צוזאמענקלייבן קינדער להומ"צ - איז בעצם א גוטע זאך, ווען דאס זאל זיין, אפילו אין ימות החול לגמרי, ועאכו"כ ווען עס קומען זמנים מיוחדים ווי די ימי התשלומין פון חגה"ש, וואס דעמולט איז כינוסם במיוחד ובהדגשה.

ובפרט אז די ימי התשלומין פון הגה"ש ענדיקן זיך (בשנה זו) ביום השלישי, כידוע וואס דער אלטער רבי שרייבט בסידורו[201] אז די ימי התשלומין פון חג השבועות זיינען ביז י"ב בסיון ועד בכלל - וואס יום השלישי איז הוכפל בו כי טוב[202], "טוב לשמים וטוב לבריות"[203].

און אויב מ'קען דאס ניט טאן ביז י"ב בסיון - זאל מען דאס טאן בי"ג בסיון, וואס לכמה אחרונים[204] (כאטש אז דער אלטער רבי פסק'נט ניט אזוי[205]) איז דאס אויך פון די ימי התשלומין פון חג השבועות [וואָרום מ'הויבט אן ציילן פון יום ב' דחגה"ש מצד "ספיקא דיומא"],

- אבער -

---

198) ראה ב"ר פפ"ב, י (פרש"י עה"פ ויחי מח, ז). ובכ"מ. 199) זח"א קעה, סע"א. 200) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב. 201) לפני "ובא לציון" ולהעיר מרמב"ם הל' גירושין ספ"ב. 202) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 203) ראה קידושין מ, א. ובאוה"ת (בראשית לג, ב ואילך. משפטים ע' א'קנז. א'קסא ואילך. ועוד) בקשר זה עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב. 204) שבנה"ג. הובא בשע"ת או"ח סקל"א סקי"ט. 205) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1312 בהערה.

אבער מה טוב - טאן דאס ביז י"ב בסיון ועד בכלל.

נח. מיט די קינדער זאל מען רעדן, אז אזוי ווי אלס הכנה צו מ"ת האבן זיי אנגענומען אויף זיך אהבת השם און אהבת ישראל, אהבת התורה און אהבת המצוות - זאלן זיי דאס אננעמען אויף זיך בהוספה וביתר שאת איצטער וויבאלד ס'איז נאך מ"ת[206].

עד"ז זאל מען זיי מסביר זיין דעם חילוק צווישן פ' נשא ווען מ'לייענט איר פאר מ"ת, און פ' נשא ווען מ'לייענט איר נאך מ"ת[207], אז ס'איז דא התנשאות ("נשא") בא אידן ווי דאס איז געווען פאר מ"ת, און ווי דאס איז נאך מ"ת.

התנשאות בא אידן נאך מ"ה דארף זיין באין ערוך העכער ווי די ההנשאוה בא אידן פאר מ"ת,

ווארום ווי הויך די ההנשאות איז געווען בא אידן פאר מ"ה, וואס דעכולט איז געווען "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים"[208] (וואס דערמיט הויבן זיך אן די עשה"ד וואס מ'האט באקומען בא מ"ה), אז דער אויבערשטער האט בעצמו ארויסגענומען אידן פון א טיפן גלות - קומט דאס אבער ניט צו דער התנשאות בא אידן נאך מ"ה, וואס דעמולט איז געווען "אתה בהרתנו מכל העמים . . ורוממתנו מכל הלשונות"[209].

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז וויפל מ'האט געטאן (גענומען אויף זיך צו טאן) אין די טעג פאר חגה"ש - דארף מען טאן באין ערוך מערער אין די טעג נאך חגה"ש.

מ'זאל זיי מסביר זיין וועגן די הכנה צו מ"ת - הקדמת נעשה לנשמע, און וועגן מתן תורה - "וירד ה' על הר סיני"[210], און וועגן קבלת התורה - "ואל משה אמר עלה אל ה'"[211],

און אז די אלע ענינים זיינען געווען דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אנגענומען די גאראנטיע אז "בנינו עורבים אותנו"[212], אז די אידישע קינדער וועלן אפהיטן די תורה און אידע מצווה אין און אויף אלע דורות.

וואס דערפאר - איז מען מסביר - דארפן זיי אננעמען אויף זיך פון-דאס-ניי, אין א באנייטן אופן, צו לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות, אנהויבנדיק פון מצות

- הצדקה -

-------------

206) בהסברה, לפי השגתם - גודל השינוי והעלי' ע"י מ"ת. וראה לקמן בפנים. 207) נתבאר בארוכה בההתוועדות.
208) יתרו כ. ב. 209) ראה אבודרהם סדר קידוש ליל שבת בבית הכנסת (ס"ע קנ ואילך). 210) יתרו יט, כ.
211) משפטים כד, א. 212) שהש"ר פ"א, ד.

הצדקה, און אויך דער ענין התפלה, וואס דאס זיינען די שלשה דברים שעליהם העולם עומד[213].

וואס דערפאר וועט מען זיבער פארבינדן דעם צוזאמענ-קלייבן מיט די אלע שלשה דברים, תורה עבודה און גמ"ח: זאגן א פסוק (פסוקים) פון תושב"כ, א מאמר (מאמרי) חז"ל פון תושבע"פ, און געבן צדקה - און פארבינדן דאס אלעס מיט תפלה.

און דורך דערויף - איז מען מסביר די קינדער - ווערט "העולם עומד": די גאנצע וועלט, מיט אלץ וואס געפינט זיך אין דער וועלט, שטייט צוליב (און אויף) דערויף וואס דער אידיש קינד, אינגעלע אדער מיידעלע, לערנט תורה און איז מקיים אירע מצוות (אנהויבנדיק פון צדקה ותפלה).

נט. און מ'זאגט די קינדער אז עס זאל זיין "והשיב לב אבות על בנים - על ידי בנים"[214]: די אידישע קינדער זאלן קומען צו "לב אבות", וואס ער הוא להקב"ה לתורתו ולמצוותיו[215], און זאגן זיי (מיט א תוקף, אבער צוזאמען דערמיט מיט דעם געהעריקן כיבוד אב ואם), אז אויך זיי זאלן פון-דאס-ניי אננעמען אויף זיך צו לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות, וואס צוליב (און אויף) דערויף וואס זיי וועלן לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות, שטייט די גאנצע וועלט ארום זיי.

און דער קינד זאל זיי אויך אויפמערקזאם מאכן און מעורר זיין, אז מתן תורה איז געקומען דורך דעם וואס די עלטערן האבן געזאגט "בנינו ערבים אותנו", אז זייערע קינדער וועלן גיין אויפ'ן דרך און זיין "שמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט"[216], עד סוף כל הדורות.

ולכן דארפן די עלטערן אויך היינט זען אז די קינדער זאלן וואס מער גיין אין דעם דרך און זיין "שמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט".

ס. און וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט פרשת נשא וואס מ'לייענט אין דעם שבת נאך מ"ת - האבן די עלטערן די נתינת כח נוספת לכל האמור -

דורכדעם וואס בא זיי איז דא די ההנשאות ("נשא") ווי דאס איז נאך מ"ת, אז מ'הויבט זיי אויף העכער פון עולם הזה הגשמי, וואס דעמולט ווערט גרינגער צו אויספירן דעם "בשבילי (צוליב מיר - וואס תורה ומצוות הם היינו) נברא העולם" -

---

213) ראה אבות פ"א מ"ב. 214) מלאכי ג, כד ובפרש"י. 215) ראה יל"ש עה"פ שה"ש ה, ב (רמז תתקפה). 216) וירא יח, יט.

העולם"[217], ווארום מ'שטייט העכער פון וועלט,

און מ'גייט איך אלע ענינים פון אידישקייט "בקומה זקופה"[218], ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע מניעות ועיכובים,

און ניט דערפאר וואס ח"ו "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[219], דערפאר וואס מ'האט א סאך געלט, און א סאך כבוד - נאר דערפאר וואס מ'גייט מיט כח התורה.

סא. מ'וויל דאך אז די אלע רייד זאלן אראפקומען במעשה בפועל,

און מ'וויל דאך אויך אז דאס זאל זיין מיט א סדר -

זאל מען מאכן א ועד וואס וועט מסדר זיין די כינוסים פון קינדער, און געווים וועט איך דעם ועד זיין אויך דער ועד וואס האט זיך פארנומען מיט די פעולות אין יום שמחתו, יום שמחה גדולה[220] פון רשב"י, ל"ג בעומר.

און די אלע ענינים וועלן זיכער זיין אין אן אופן פון שמחה גדולה און הצלחה מרובה, און צוזאמען דערמיט - מיט א סדר.

סב. ויה"ר אז עס זאל לייכטן דער מזל[221] פון גאנץ עם ישראל, און דער מזל פון יעדער איינעם און איינע פון עם ישראל[222],

ביז אז דאס וועט אראפקומען אין בני חיי ומזוני רויחי און כולם רויחי, אויך בפשטות ממש,

ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

און די קינדער וועלן פירן די עלטערן און אונז אלעמען צוזאמען, בדוגמת "הם הכירוהו תחלה"[223], צו מקבל זיין פני משיח צדקנו, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

סג. הביאור בפירוש רש"י:

- דאס -

---

217) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 218) ראה תו"כ ופרש"י עה"פ בחוקותי כו, יג. 219) ראה עקב ח, יז-יח. וראה סמ"ג מל"ת סד. 220) ראה משנת חסידים מס' אייר פ"א מ"ו. 221) להעיר שמזל חודש סיון הוא האומים (ספר יצירה פ"ה מ"ב. זח"ב עח, ב. פרש"י ר"ה יא, ב). וראה שהש"ר עה"פ תמתי (ה, ב) תאומתי. לקו"ת סד"ה אני ישנה. אוה"ת שם. 222) ראה מפרשים לשבת (קנו, סע"א ואילך), לקידושין משנה ספ"ד. לקו"ת ר"פ האזינו. חנוך לנער (סוף הצוואה). ועוד. 223) ראה סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב.

דאס וואס רש"י׳ן איז שווער אין דעם פסוק, איז די שאלה האמורה: פארוואס האט דער כהן בדבריו ניט דערמאנט אינגאנצן די ברכה פון "ונזרעה זרע"?

מ׳געפינט בדברי הכהן אן אריכות גדולה, ער חזר׳ט איבער כמה פעמים יעדער זאך, און דער ענין איז מובן דערפון וואס רש"י [224] איז מבאר אז "מסיעין היו אותה ממקום למקום כדי ליגעה ותטרף דעתה ותודה" - וואס דאס איז אויך געווען די סיבה פון דעם איבער׳חזר׳ן יעדער זאך כמה פעמים -

במילא ווערט נאך שטארקער די שאלה: פארוואס האט דער כהן אינגאנצן ניט דערמאנט דעם ענין פון "ונזרעה זרע"?

דאס איז מכריח רש"י׳ן צו לערנען, אז "ונזרעה זרע" איז א פרט ותוצאה פון דעם "ונקתה", און ניט קיין דבר נוסף.

דעריבער איז רש"י מבאר "ונקתה - ממים המאררים", מיינענדיק דערמיט ניט צו __טייטשן__ וואס "ונקתה" מיינט, ווארום דאס איז א דבר הפשוט (כנ"ל), נאר כדי צו __מבאר__ זיין, אז "ונקתה ממים המאררים" האט אויפגעטאן אז עס זאל זיין "ונקתה" אין אלע ענינים וואס די "מים המאררים" האבן געבראכט, און דערפון איז מובן פארוואס בהמשך לזה איז "ולא עוד אלא ונזרעה זרע, אם היתה יולדת בצער תלד בריוח, אם היתה יולדת שחורים יולדת לבנים":

דער ענין וואס די מים המאררים האבן אויפגעטאן איז געווען א צווייענדיקער: זיי האבן גורם געווען __צער__ צו דער אשה ("וצבתה בטנה ונפלה ירכה"[225]), און האבן משנה געווען איר מראה, "פארשווארצט" איר פנים;

במילא איז מובן, אז אויב "ונקתה ממים המאררים", איז אויך "ונקתה" פון די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט די מים המאררים: "אם היתה יולדת בצער תלד בריוח, היתה יולדת שחורים יולדת לבנים", שלילת הצער און שלילה מראה לא טוב, אז די וועט האבן קינדער מיט ליכטיקע און ווייסע פנים׳ער (היפך פון "שחורים" - "פארשווארצטע" פנים׳ער).

במילא איז אויך מובן פארוואס רש"י ברענגט ניט די אנדערע צוויי ענינים - "היתה יולדת . . נקבות יולדת זכרים" און "קצרים יולדת ארוכים" - ווארום זיי האבן קיין שייכות ניט מיט "ונקתה ממים המאררים".

סד. ס׳איז אויך מובן פארוואס דאס איז פארבונדן דוקא מיט "יולדת", ווארום דא רעדט זיך דאך וועגן דעם קשר פון דעם

- כאן -

---

224) עה"פ פרשתנו ה, יח. 225) פרשתנו שם, כז.



__הנחת הת׳ בלתי מוגה__

באן בייט דער ווייב, וואס דאס איז פארבונדן מיט לידה, ווארום דאס איז די מסדה פון נישואי איש ואשה[226] – ווי עס שטייט אין פ׳ בראשית[227] "זכר ונקבה ברא אותם ויברך אותם גו׳ ויאמר להם אלקים פרו ורבו ומילאו גו׳".

דעריבער איז אויך בנוגע צו קינדער גופא נוגע ניט וואס וועט זיך טאן מיט זיי שפעטער (צער אדער שהרות) – נאר ווי זיי זיינען בשעת הלידה, ווארום דא רעדט זיך וועגן זיי אין פארבונד מיט דעם קשר בין איש לאשתו, במילא איז נוגע ווי דאס איז בשעת הלידה.

עד"ז איז מובן וואס רש"י מיינט מיט די ווערטער וואס ער לייגט-צו אין לשון הכתוב "ממים המאררים, ולא עוד אלא"

– וואס כמדובר כמ"פ איז דאס דער דרך פון רש"י, צו אריינשטעלן מלות הקשר צווישן די ווערטער פון פסוק, נאר דער בחור-הזעצער האט ניט משים לב געווען לזה –

דערמיט מיינט ער צו מדגיש זיין ווי דער ענין פון "ונזרעה זרע" איז א המשך ותוצאה פון "ונקתה"; ד.ה. אז ניט נאר "ונקתה" פון די "מים המאררים" אליין, נאר "ולא עוד אלא" – זי וועדט רייך אויך פון אנדערע ענינים וואס זיינען אזוי ווי דאס וואס די "מים המאררים" ברענגען.

דערמיט איז פארשטאנדיק אז ס׳איז אויך קיין קשיא ניט פארוואס דער כהן האט ניט דערמאנט דעם פרט – ווארום דאס איז נכלל אין דעם וואס ער האט געזאגט "הנקי".

דאס וואס דער כהן האט דאס ניט-אויסגעטייטשט קלאר – איז אויך מובן, ווארום מ׳קען זאגן אז ער האט געזאגט נאר די זאכן וואס זיינען יעצט נוגע למעשה – משא"כ דאס וואס שפעטער וועט זיין "ונזרעה זרע", איז יעצט ניט נוגע למעשה – ער האט דאס אבער כולל געווען אין דעם זאגן "הנקי וגו׳".

סה. דער ביאור אין זהר:

דער חילוק צווישן יראה און אהבה ("חביבותא") איז תלוי אין דעם אופן ההשגה אין תורה:

ס׳איז דא דער ענין פון "שמעתי שמעך", שמיעה – וואס דאס איז מורה אויף ריחוק, און ס׳איז דא דער ענין הראי׳, ווי דער רמב"ם[228] ברענגט בנוגע צו מ"ת, אז "עינינו ראו ולא זר", וואס ראי׳ איז באופן קרוב וקליטה בפנימיות.

– און –

---

226) ראה רא"ש כתובות פ"א סי"ב. 227) א, כז-כח.
228) הל׳ יסוה"ת רפ"ח.

און ווי געוועדט פריער[41] באדוכה די צוויי אופנים אין לימוד התורה, ווי ער זאגט אין מסכת סופרים[229] "פנים של אימה למקרא", וויבאלד אז לימוד המקרא איז באופן של ריחוק, ווארום מ׳כוז ניט פארשטיין וואס מ׳לערנט, און אויך אויב לא ידע מאי קאמר איז ער מחוייב בברכת התורה - דעריבער איז דער לימוד באופן פון יראה;

משא"כ "להש"ס" (לגמרא) איז "פנים שוחקות" (אדער "מסבירות", ווי די גירסא שבזה[230]), ווארום לימוד הגמרא איז באופן של הבנה והשגה, אז ער איז קולט דעם דבר הנלמד בפנימיות, און ביי אים איז דא ראיית השכל.

וואס דאס איז אויך דער ביאור אין אונזער ענין:

דער נביא חבקוק רעדט וועגן דער דרגא פון "שמעתי שמעך", שמיעה, דעריבער זאגט ער "יראתי", ווייל שמיעה ברענגט צו יראה;

משא"כ רשב"י וואס איז געווען בבחי׳ ראי׳, ווי ער האט געזאגט[231] אז "אנא חמי השתא ר"ש מה דלא חמא בר נש כו׳" - דעריבער האט ער געזאגט "אנן בחביבותא תלייא מילתא", עבודת האהבה, וואס "לית פולחנא כפולחנא דרחימותא"[232].

סו. דער ביאור אין דעם ענין פון "והעמידו תלמידים הרבה":

דער לשון "והעמידו תלמידים הרבה" איז לכאורה ניט פארשטאנדיק: עס האט געדארפט שטיין "ואספו", "וכנסו", "ולמדו", אדער "ועשו" (ע"ד ווי "עשו כתות כתות ועסקו בתורה"[233]), וואס דאס זיינען אלע לשונות וואס פאסטן צו דעם ענין פון תלמידים, משא"כ דער לשון "העמידו" איז לכאורה ניט פאסיק צו דעם ענין פון תלמידים?

איז דער ביאור בזה:

מיט זאגן "והעמידו תלמידים הרבה" וויל די משנה אויפ-טאן, אז א רב דארף ניט נאר לערנען מיט זיינע תלמידים, נאר ביי אים דארף זיין "והעמידו תלמידים הרבה", ע"ד ווי עס שטייט אין דער משנה שלאח"ז, "על שלשה דברים העולם עומד כו׳":

ער דארף אויפשטעלן תלמידים אז זיי זאלן שטיין על עמדם און זיך ניט שאקלען, ועאכו"כ ניט פאלן.

- ווארום -

------------

(229) פט"ז, ב. (230) גירסת הגר"א. (231) זח"ג קלב, ב. וראה סד"ה להבין ענין הילולא דרשב"י עטר"ת (סה"מ עטר"ת ע׳ היט ואילך). (232) ראה זח"ג רסז, א. (233) ברכות סג, ב.

ווארום עס קען דאך זיין אז ער זאל לערנען מיט די תלמידים, און לערנען מיט זיי אין אן אופן פון "אשר תשים לפניהם - כשולחן ערוך"[234], אז ער איז זיי אלץ מסביר אז זיי זאלן דאס פארשטיין בתכלית השלימות -

אבער ווען עס קומט נאך דעם לערנען - שאקלען זיך די תלמידים, ביז אז זיי פאלן, ביז אז זיי גייען אראפ פון וועג, רח"ל.

וע"ד ווי ס'איז געווען בא ישמעאל, אז "עד שלא כה אברהם ישכון, משמת אברהם נפל"[235].

איז ע"פ דיך איז מען נאר מחוייב אין "ושננהם לבניך - אלו התלמידים", אז כל חכם והכם זאל לערנען מיט הלמידים - מ'איז אבער ניט מחוייב אין דעם ענין פון "והעמידו תלמידים הרבה";

משא"כ ע"פ מילהא דחסידותא זאגט די משנה אין אבות אז עס דארף זיין אויך "והעמידו תלמידים הרבה":

נוסף לזה וואס מ'לערנט מיט דעם תלמיד, דארף מען אים אויך אויפשטעלן, און מאכן זיכער אז ער זאל בלייבן שטיין על עמדו און ער זאל זיך ניט שאקלען. ועאכו"כ ניט פאלן און אראפגיין פון וועג.

סז. און דאס דארף זיין אין אן אופן פון "והעמידו", אז דו זאלסט אים אויפשטעלן:

עס קען זיין א מציאות אז מ'זאל מיט דעם תלמיד אלץ לערנען, און מ'פארלאזט זיך אז דורך דערויף וואס ער האט אלץ געלערנט וועט ער זיך אליין אויסלערנען אז ער דארף שטיין,

וואס דעמולט קומט אוים אז דער תלמיד אליין איז דער וואס שטעלט זיך אוועק על מעמדו, און דער רב זיינער שטייט נאר באם זייט און קוקט.

זאגט מען, אז עס דארף זיין "והעמידו":

דו אליין דארפסט אים אויפשטעלן, און זיך ניט מסתפק זיין אז ער וועט זיך אליין כאפן אז ער דארף שטיין - נאר נאך דעם לערנען דארפסטו נאכגיין דעם תלמיד און זעהן וואס עס פעלט אים, און כסדר שטיין בא זיין זייט טאמער ער דארף עפעס האבן, און אים דאס גלייך געבן,

- און -

---

234) מכילתא ופרש"י ר"פ משפטים. 235) פרש"י עה"פ חיי שרה כה, יח. וראה גם ב"ר פמ"ה, ט. ספס"ב.

און דורך דערויף אויפטאן "והעמידו" - אז דער תלמיד זאל שטיין על עמדו און זיך קיינמאל ניט שאקלען.

ועד"ז ווי מ׳זאגט אז עס דארף זיין "בהעלותך את הנרות", "עד שתהא שלהבת עולה מאלי׳"[236], וואס דאס דארף טאקע זיין אין אן אופן פון "שלהבת עולה מאלי׳", אבער דאס גופא ווערט אויפגעטאן ניט מצ"ע, נאר דורך דערויף וואס ס׳איז דא דער "בהעלותך את הנרות".

ועד"ז דארף דער רב זיין דער וואס "צינדט" אן דעם תלמיד און שטעלט אים אויף ביז אז ער זאל זיין א "שלהבת עולה מאלי׳", אז ער זאל לייכטן און ווארעם מאכן אלע ארום אים.

סח. און עס דארף זיין "והעמידו תלמידים הרבה":

ניט מסתפק זיין זיך מיט אויפשטעלן איין תלמיד על עמדו, אדער צוויי תלמידים, און אפילו ניט ששים ריבוא תלמידים (אן "אוכלוסא"[237]) - נאר "והעמידו תלמידים הרבה":

בשעת מ׳זאגט "הרבה" מיינט דאס מערער פאר ששים ריבוא, ווארום אין ששים ריבוא קען נאך צוקומען איינער אדער צוויי אדער נאכמער, איז דאך דאס ניט אמיתית הענין פון "הרבה";

אמיתית הענין פון "הרבה" איז - אז וויפל תלמידים ער זאל נאר האבן, גייט ער זוכן אין וועלט צי ס׳איז דא נאך א תלמיד וואס מ׳דארף אים אוועקשטעלן ער זאל זיך ניט שאקלען.

סט. וואס דערפון האט מען די הוראה פאר יעדער משפיע און משפיעה, אז מ׳דארף ניט ווארטן ביז דער תלמיד וועט אים ברענגען א גלאז טיי אדער א גלאז "דזשוס", און דערנאך זיך בעטן בא דעם משפיע אז ער זאל אים זאגן א חסידישן ווארט - און ערשט נאך דערויף וואס דער משפיע וועט זיך אפרוהען, און קומען צו זיך, וועט ער אים טאן א טובה און זאגן אים א חסידישן ווארט.

און אפילו ווען ער זאגט אים דעם ווארט. טראגט ער זיך ניט אראפ צו דעם תלמיד ווי א משפיע דארף זיך אראפטראגן - נאר ער פארלאזט זיך אויף דעם אז וויבאלד דאס איז א חסידישער ווארט. איז א חסידישער ווארט ווערט קיינמאל ניט פארפאלן.

און דערנאך אז ער דערהערט וואס דער אלטער רבי האט

- געזאגט -

------------

236) שבת כא, א. פרש"י עה"פ. פרש"י עה"פ תצוה כז, כ.
237) ראה ברכות נח, א.

געזאגט[238], אז איינער וואס וועט זיך האלטן אן דער קליאמקע, וועט קיינמאל ניט פארפאלן ווערן - דארף ער שוין ניט אנקומען צו דעם חסידישן ווארט - ער נעמט יענעם און שפארט אים צו אויף דער קליאמקע, און ער לאזט אים דארטן שטעקן, פארלאזנדיק זיך אויף דעם ווארט פון דעם אלטן רבי'ן, און ער גייט שלאפן, אדער שפאצירן, און אויב ער איז גאר "שפיץ חב"ד" - גייט ער לערנען מיט זיך אליין!

דארף מען וויסן אז ניט דאס איז די כוונה פון רבותינו נשיאינו, די כוונה זייערע איז - אז מ'זאל גיין זוכן א תלמיד, און "תלמידים הרבה", און זיי איבערזאגן א ווארט פון דעם רבי'ן נ"ע, אדער פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אדער א מאמר, אדער תניא.

און דאס דארף מען אליין טאן, און ניט פארלאזן זיך אויף א שליח, "לא ע"י מלאך ולא ע"י שרף ולא ע"י שליח . . אני הוא ולא אחר" [239] - ער אליין "בכבודו ובעצמו" גייט זוכן א תלמיד אויף אים איבערגעבן א ווארט חסידות.

און בשעת ער גיט דאס אים איבער - טראגט ער זיך צו אים צו, ביז אז ער איז אינגאנצן איבערגעגעבן צו דעם מושפע.

ע. וואס דאס איז ניט קיין חידוש פון רבותינו נשיאינו, נאר אנשי כנסת הגדולה האבן דאס שוין לאנג צוריק געזאגט, וואס אנשי כנסת הגדולה האבן דאס מקבל געווען פון יהושע און יהושע האט דאס מקבל געווען פון משה, און משה האט דאס מקבל געווען פון דעם אויבערשטן - אז עס דארף זיין "והעמידו תלמידים הרבה",

וכמבואר לעיל בארוכה, אז ער דארף אוועקשטעלן תלמידים אז זיי זאלן שטיין על עמדם, וואס דאס איז דוקא דורך דערויף וואס ער גיט זיך איבער צו זיי אינגאנצן.

און דאס איז אויך דער דיוק "תלמידים":

א תלמיד איז ניט נאר ווי א שומע מרבו; א תלמיד איז איינער וואס איז א סאך טיפער פארבונדן מיט רבו, ווי דער וואס הערט נאר פון אים תורה.

וואס דער חילוק ביניהם איז פארשטאנדיק דערפון וואס עס זיינען פאראן כמה הלכות בנוגע צו דעם חיוב וואס דארף זיין פון א תלמיד לרבו, משא"כ א שומע איז אין זיי ניט מחוייב;

און דא זאגט מען אז עס זאל זיין "והעמידו <u>תלמידים</u> - הרבה": -

------------

238) תו"ש ע' 171. 239) הגש"פ.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

הרבה": מ׳זאל ניט נאר אוועקשטעלן "שומעים", וואס קומען הערן תורתו, נאר "תלמידים", וואס צו זיי איז דער משפיע אינגאנצן איבערגעגעבן.

עא. און עס דארף זיין ניט נאר "והעמידו תלמידים" לשון רבים, נאר אויך "והעמידו תלמידים הרבה":

בשעת ס׳איז דא נאר "תלמידים" לשון רבים, איז דאך "מיעוט רבים שלשה"[240], קען דער משפיע זיך פירן אין אן אופן אז ווען עס זעצן זיך אוועק דריי אידן - וועט ער זיי זאגן א ווארט חסידות;

זאגט מען אים, אז עס דארף זיין "והעמידו תלמידים הרבה", אז ער דארף גיין זוכן הרבה תלמידים, און זיך ניט מסתפק זיין מיט "אין רבים פחות משלשה".

און עס דארף זיין "והעמידו תלמידים הרבה", "הרבה" סיי בכמות און סיי באיכות: ער זאל אויפשטעלן תלמידים וואס האבן סיי דעם ענין הבקיאות, און סיי דעם ענין התריפות, "סיני" און "עוקר הרים"[241].

ועד"ז אין חסידות וואס מ׳רעדט וועגן א משכיל און אן עובד - שטעלט ער אויף א משכיל און גאר א גרויסער משכיל, אן עובד און גאר א גרויסער עובד.

און ווען צו מדגיש זיין דעם ענין האיכות, אדער דעם ענין הכמות, ווייסט דאך יעדער משפיע און משפיעה, יעדער מדריך און מדריכה, יעדער מורה, און יעדער ראש ישיבה - אז אמאל דארף מען מדגיש זיין דעם ענין הכמות אין לערנען, און אמאל דעם ענין האיכות (בכדי אז די כמות זאל ניט מבלבל זיין), און אמאל דארף מען מדגיש זיין ביידע פון זיי.

עב. בכדי עס זאל קענען זיין "והעמידו תלמידים הרבה", אז דער משפיע און רב זאל וויסן ווי צו מעמיד זיין דעם תלמיד, אז ער זאל זיך ניט שאקלען וכו׳ - דארף מען זיך דערצו מכין זיין צו וויסן אין וועלכן אופן מ׳דארף צוגיין צו דעם,

וואס דאס איז די הקדמה פון "הוו מתונים בדין" וואס קומט פאר "והעמידו תלמידים הרבה":

מ׳דארף זיך ארייננטראכטן און מכין זיין א משך זמן לפי ענינו פון דעם תלמיד, צי ענינו איז חסד, וואס דעמולט דארף

- מען -

------------

240) ראה ויק"ר פי"ט, ה. תנחומא מצורע ז. 241) ראה ברכות ועדכין בסופן. וראה לקו"ש חי"ב ע׳ 126 ואילך.

מען באווארענען דעם ענין פון "פלשתים" - חסד דלעו"ז[242], צי ענינו איז גבורה, וואס דעמולט דארף מען באווארענען אנדערע זאכן וכו׳.

און ס׳איז ניט מספיק אז מ׳זאל זיך אין דערויף אריינ-טראכטן נאר א קורצע ווײלע, פינף מינוט וכיו"ב, ווארום אע"פ אז פינף מינוט איז א ריבוי זמן, במכ"ש דערפון וואס עד קען ווערן א צדיק גמור פון קצה ההתחון "בשעתא חדא וברגעא חדא"[243] - איז דאס אבער פארט פינף מינוטע, און דאס איז ניט מספיק אויף התבוננות בכדי צו וויסן ווי צו אויפ-טאן דעם ענין פון "והעמידו תלמידים הרבה".

עג. נאך דערויף וואס ס׳איז דא דער "והעמידו תלמידים הרבה" - דארף זיין דער "ועשו סיג לתורה",

וואס "סיג" איז ניט א הוספה אויף תורה ח"ו, נאר דאס איז אן ענין וואס מ׳מאכט בכדי צו באווארענען כמה ענינים וואס קענען מיט דער צייט ארויסקומען היפך התורה.

וע"ד ווי די משנה זאגט ווײטער אין דעם פרק[244] אז "חכמים הזהרו בדבריכם",

דלכאורה: וואס איז דער ענין פון מילתא דחסידותא אין דעם אז "חכמים הזהרו בדבריכם", ס׳איז דאך א דבר הפשוט אז אזוי דארף זיין בא חכמים?!

איז די הסברה בזה, אז "חכמים" דארפן זיין נזהר בדבריהם ניט נאר אין דעם זמן ההוה, נאר זיי דארפן טראכטן אויך וואס וועט שפעטער ארויסקומען פון זייערע רייד.

עד. ויה"ר אז עס זאל זיין דער ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה"[245], וואס דאס איז דער ענין פון "הוו מתונים בדין", און ניט ח"ו "בדיך" בנוגע צו א זולת, נאר בנוגע צו זיך, אז יעדערער וועט אויספאקן זיין פעקל און חשבון פאר דעם אויבערשטן.

און עס זאל זיין דער ענין פון "והעמידו תלמידים הרבה" - "קהל גדול ישובו הנה"[246].

און דער ענין פון "ועשו סיג לתורה", וואס "סיג" איז בגימטריא ע"ג, די גימטריא פון חכמה, וואס הכמה איז דער

- ענין -

------------

242) ראה הו"א בשלח סא, סע"ג ואילך. לקו"ת ואתחנן ה, א. תו"ח תולדות ב, ג ואילך. לקו"ש וירא השל"ה ס"ג ואילך.
243) זח"א קכט, סע"א. וראה קידושין מט, ב. לקו"ת דברים א, ב. 244) משנה יא. 245) ישעי׳ א, כו. 246) ירמי׳ לא, ח.

ענין פון "עלי עשור", דער כנור של עשרה נימין וואס וועט זיין לע"ל,

און חכמה איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "קדש עצמך במותר לך"[247], דער ענין פון "עשו סיג לתורה",

וכמבואר אין די מאמרים פון כ"ק אדמו"ר נ"ע[248], אז לע"ל וועט זיין דער שלימות פון "קדש עצמך במותר לך" און "עשו סיג לתורה".

און פון חכמה נעמט דאס דורך אלע כחות האדם, ביז צו "דהעמידו תלמידים הרבה", אז מ'שטעלט-אויף א סאך קינדער,

ביז צו "ועמדו רגליו על הר הזיתים"[249], במהרה בימינו ממש.

* * *

עה. דער ביאור אין דעם וואס צוויי נשיאים האבן געבראכט איין עגלה, משא"כ א שור האט יעדער נשיא אליין געבראכט איין שור, "עגלה על שני הנשיאים ושור לאחד":

דער בן חמש למקרא ווייסט פון פרש"י (אויפן פסוק דנדו"ד - "עגלה על שני הנשיאים ושור לאחד") אז די נשיאים האבן זיך צוגעקוקט ווי די אידן האבן מנדב געווען זייערע נדבות פאר מלאכת המשכן,

ובלשון פון רש"י (ווי דערמאנט פריער): "מה ראו הנשיאים להתנדב כאן בתחלה ובמלאכת המשכן לא התנדבו התלה? אלא כך אמרו הנשיאים יתנדבו צבור מה שיתנדבו ומה שמחסרין אנו משלימין, כיון שראו שהשלימו צבור את הכל, שנא' והמלאכה היתה דים, אמרו מעתה מה לנו לעשות, הביאו את אבני השוהם והמילואים לאפוד ולחושן. לכך התנדבו כאן תחלה".

וואס דער טעם אויף דערויף וואס די נשיאים האבן זיך צוגעקוקט ווי די אידן זיינען מנדב פאר מלאכת המשכן, איז - בפשטות דערפאר וואס זיי האבן געוואלט זעהן אין וועלכן אופן מ'דארף מנדב זיין צו דעם משכן, בכדי אז זיי זאלן דאס קענען טאן בשלימות.

און בשעת די נשיאים האבן זיך צוגעקוקט ווי די אידן זיינען מנדב פאר מלאכת המשכן, האבן זיי געזעהן אז די אידן זיינען מנדב בכללות אין צוויי אופנים:

איין אופן - אז יעדער איד גיט אפ א גאנצע זאך אלס נדבה צום משכן און דערפאר האבן די נשיאים געבראכט די

- "אבני" -

---

247) יבמות כ, א. וראה לקו"ת תצא לח, סע"ד. אוה"ת יתרו ע' התט. ובכ"מ. 248) ד"ה ואתם תהיו לי תר"ס. 249) זכרי' יד, ד.



הנחה הת' בלתי מוגה

"אבני השוהם והמילואים", וואס זיי זיינען גאנצע זאכן -
ווארום זיי האבן געזעהן אז אזוי טועך די אנדערע אידן].

און א צווייטער אופן פון נדבה איז געווען - דער עניין פון מחצית השקל: ניט אז יעדער איינער האט געבראכט אליין א גאנצע זאך, נאר יעדער איינער האט געבראכט א האלבע זאך, א מחצית השקל.

ווי דער בן חמש למקרא האט וועגן דעם מחצית השקל שוין געלערנט פריער אין פ' כי תשא, ועד"ז אין פ' חיי שרה[250] אז אליעזר עבד אברהם האט געגעבן רבקה "נזם זהב בקע משקלו ושני צמידים על ידי' עשרה זהב משקלם", וואס דש"י טייטשט אפ אז "בקע" איז א "רמז לשקלי ישראל בקע לגולגולת" [און "שני צמידים - רמז לשני לוחות מצומדות", און "עשרה זהב משקלם - רמז לעשרת הדברות שבהן"].

און וויבאלד אז די נשיאים האבן געזעהן אז די נדבות אין משכן דארפן זיין אין צוויי ענינים, איין עניין אז יעדער איינער ברענגט אליין א גאנצע זאך, און א צווייטער עניין אז יעדער איינער ברענגט נאר א האלבע זאך, און דוקא בצירוף מיט א צווייטן איז דאס א גאנצע זאך - דערפאר האבן די נשיאים געבראכט "שש עגלות צב ושני עשר בקר, עגלה על שני הנשיאים ושור לאחד":

"שור לאחד" איז געווען דער עניין אין נדבות וואס יעדער איינער ברענגט א גאנצע זאך;

און "עגלה על שני הנשיאים" איז געווען דער עניין אין נדבות וואס יעדער איינער ברענגט א האלבע זאך, און ער דארף זיך מצרף זיין מיט א צווייטן צו האבן א גאנצע זאך, ע"ד דער עניין פון דעם מחצית השקל.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק בפשטות אין פשש"מ פארוואס צוויי נשיאים האבן געבראכט איין עגלה.

און דאס איז אזוי פארשטאנדיק בפשטות, אז דש"י דארף דאס ניט זאגן בפירוש, ווארום דער בן חמש למקרא וועט זיך אליין כאפן אויף דעם.

עו. וואס דערפון האט מען א הוראה וואס מ'קען מסביר זיין צו יעדער קינד

יעדער קינד ווייסט אז ער האט ענינים וואס דוקא ער דארף זיי אליין טאן בשלימות, און ענינים וואס ער מוז זיך משתתף זיין מיט א צווייטן בכדי אז דאס זאל זיין בשלימות.

- וואס -

------------

250) כד, כב.

וואס ס'איז זעלבסטפארשטענדליך, און אויך דער קינד פארשטייט דאס בפשטות, אז ער האט מער חיות אין א זאך וואס ער אליין טוט די גאנצע זאך בשלימות, ווי בשעת ער טוט דאס מיט א צווייטן, וואס דעמולט (ווען ער טוט א זאך מיט א צווייטן) דארף ער אנקומען מערער צו דעם ענין פון קבלת עול.

וואס דאס איז אויך דער טעם פארוואס יעדער נשיא האט געבראכט איין שור בשלימות - וזארום א שור איז א בעל חי, וואס אין דערויף איז מודגש דער ענין החיות וואס קומט דוקא בשעת מ'טוט אליין א זאך בשלימותו.

משא"כ עגלות האט יעדער נשיא זיך אין דערויף מצרף געווען מיט א צווייטן - ווארום אן עגלה איז אן ענין של דומם, וואס אין אים איז מודגש דער ענין פון קבלת עול וואס מ'דארף האבן בשעת מ'טוט א זאך בצירוף מיט א צווייטן.

לאידך איז אבער דא א מעלה אין אן עגלה, וואס זי איז א רשות בפ"ע, ווי די גמרא זאגט אין שבת[251],

וואס שלעפן די עגלה, שלעפט טאקע דער "שור", אבער אין וואס פארט מען - איז דאס דוקא אין דער עגלה.

עז. וואס כל זה קען מען מסביר זיין בפשטות צו קטנים און קטנות,

אז פונקט אזוי ווי אין משכן זיינען געווען די צוויי ענינים - דער ענין פון מנדב זיין א גאנצע זאך בשלימות, און דער ענין פון מנדב זיין א מחצית השקל, וואס מ'איז זיך דוקא מצטרף מיט א צווייטן -

עד"ז איז דאס אויך אין דער הויז פון דעם קינד,

וואס דאס פארשטייט א קינד בפשטות אז זיין הויז איז בדוגמא ווי דער משכן, וואס דארטן איז געווען "ושכנתי בתוכם"[252], ועד"ז דארף אין זיין הויז זיין "ושכנתי בתוכם" [דעם פירוש "ושכנתי בתוכם - בתוך כל אחד ואחד"[253], קען מען נאך ניט מסביר זיין א קינד, אבער אז זיין הויז איז בדוגמא ווי דער משכן, פארשטייט דאס יעדער קינד]:

א קינד זעט אז אין זיין הויז זיינען דא ענינים וואס ער דארף אליין טאן בשלימותם, און עס זיינען דא ענינים

- וואס -

---

251) מט, ב. 252) תרומה כה, ח. 253) ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב להתחלתו. של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב. ובכ"מ.

וואס ער דארף טאן צוזאמען מיט אנדערע מענטשן אין זיין שטוב, ביז אז ער דארף דאס מיט זיי טאן אין אן אופן אז ביידע האבן אין דער מעשה א השתתפות בשוה, ע"ד ווי דער ענין פון א מחצית השקל.

עח. מ'זוכט דאך רמזים אין אונזער פרשה בנוגע צו קינדער - געפינט מען אז אין סיום הפרשה, אין דער לעצטער זאך וואס שטייט אין פ' נשא - איז מרומז דער ענין פון קינדער:

אין דעם לעצטן פסוק פון פ' נשא [254] שטייט: "ובבוא משה אל אוהל מועד לדבר אתו וישמע את הקול מדבר אליו מעל הכפורת אשר על ארון העדות מבין שני הכרובים גו'".

וואס דער פסוק פארלאזט זיך ניט אויף דעם וואס די אלע פרטים ווי דער אויבערשטער האט גערעדט מיט משה שטייען שוין פריער אין חומש שמות - נאר דער פסוק דא חזר'ט דאס איבער, און מיט אלע פרטים, אז דער קול איז געקומען פון קדה"ק, און פון דארטן גופא - "מעל הכפורת", וואס ער איז "על ארון העדות", ביז אז דאס איז געקומען "מבין שני הכרובים".

וואס דער ענין פון כרובים איז בפשטות פארבונדן מיט קינדער, ווי חז"ל [255] זאגן אז "כרוב" איז מלשון "כרביא" (פני תינוק[256]), ד.ה. אז די כרובים האבן געהאט די צורה פון א קליין קינד, "אפי זוטרי".

וואס דער עילוי אין די כרובים בשייכות צו אלע אידן איז פארשטאנדיק פון דעם וואס חז"ל [257] זאגן אז דאס וואס עס שטייט בא די כרובים [258] "ופניהם איש אל אחיו" איז דאס "בזמן שישראל עושין רצונו של מקום", וואס דעמולט איז "הם הופכים פניהם זה לזה דוגמת חבת זכר ונקבה האוהבים זה לזה, סימן שהקב"ה אוהב את ישראל כו'"[259].

ובפרט ע"פ המבואר אין תו"א אין "כי"ק אדמו"ר נ"ע"[260], אז די צוויי כרובים זיינען בהי' ז"א און מלכות, און "כרוב אחד מקצה מזה" [261] איז "קצה אוא"ס שבז"א", וואס ז"א איז סוף עולמות הא"ס, "וכרוב אחד מקצה מזה" [261] איז מלכוה, וואס מלכות איז מקור בי"ע ושרשם,

און בכללות זיינען ביידע כרובים, ז"א ומלכות, ווי

- אלקות -

---

254) ז, פט. 255) סוכה ה, ב. חגיגה יג, ב. 256) פרש"י ד"ה היינו - סוכה שם. ד"ה כרביא - חגיגה שם. וראה גם פרש"י עה"פ הדומה שם, יח. 257) ב"ב צט, א. 258) הרומה שם, כ. 259) פרש"י ד"ה כאן - ב"ב שם. 260) תרומה פא, א-ב. וראה גם שם עט, ד ואילך. 261) תרומה שם, יט.

הנחה הת' בלתי מוגה

אלקות איז זיך מהלבש ומתצמצם בכדי צו משפיע זיין אין בי"ע, "צמצם שכינתו בין שני בדי ארון"[262], וואס דערפאר זיינען די כרובים "כרביא", "אפי זוטרא", ווארום דאס איז אלקות בבחי' קטנות בכדי צו משפיע זיין למטה.

און ווי דער מגיד איז דאס מבאר[263], אז "ועשית שנים כרובים"[264] איז דער ענין וואס אידן דורך זייער מעשה ("ועשית"[265]) ועבודה זיינען גורם אז די כרובים זאלן זיין "אפי זוטרי כרביא", אז דער אויבערשטער זאל זיך מצמצם זיין צו דער קטנות פון אידן, אזוי ווי אן אב איז זיך מצמצם צו בנו הקטן, כמבואר שם בפרטיות.

עט. וואס מכל זה איז מובן אז דער ענין הכרובים וואס זיינען "כרביא", ווי קליינע קינדער, באווייזן אויף דער חיבה גדולה פון דעם אויבערשטן צו אידן, "ופניהם איש אל אחיו".

ביז אז דוקא "מבין שני הכרובים" איז געקומען דער קול פון דעם אויבערשטן צו משה און צו אלע אידן.

פ. וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער רמז און הודאה וואס מ'נעמט ארוים פון סוף פרשתנו -

אויף וויפל מ'דארף זיך משתדל זיין אין די פעולות מיט קינדער, ביז מיט גאר קליינע קינדער.

זיה"ד אז דורך די אלע פעולות און אזוי ווי מ'האלט שוין נאך אלע זאכן, וואס ס'איז שוין "כלו כל הקיצין"[266], און ס'איז נאר איבערגעבליבן די לעצטע קנעפלעך פון דעם אויבערשטן לבוש -

זאלן די אלע פעולות און אלע ענינים וואס אידן טוען אין תומ"צ - וואס שנעלער ברענגען משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה.

און עס זאל זיין "שלימות העם", "שלימות התורה", און "שלימות הארץ",

און משיח צדקנו וועט אונז פירן, "קהל גדול ישובו הנה", קיין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[267],

- במהרה -

---

262) ראה תנחומא ויקהל ז. 263) לקו"א סקע"ד (מב, ב). או"ת סרמ"ח (עג, ד ואילך). וראה אוה"ת תרומה ס"ע א'תמח ואילך. 264) תרומה שם, יח. 265) אוה"ת שם. 266) סנהדרין צז, ב. 267) עקב יא, יב.

במהרה בימינו ממש, ובעגלא דידן.

* * *

פא. המשיך לדבר ע"ד כינוסי התינוקות - נדפס לעיל סס"א-סב.

[נתן המזונות ויין להרב י.י.ה. שיחי' עבור ה"ועד"].

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

—— * ——

בס"ד. שיחת יום ב' פ' בהעלותך, אור לי"ב סיון ה'תש"מ. הנחה פרטית בלתי מוגה

א. די צוזאמענקומען זיך (התוועדות) איז דאך פארבונדן מיט י"ב סיון, וואס דאס איז דאך ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ בסידורו (וואס איז "דבר השוה לכל נפש", און דאס איז א ספר וואס איז נוגע על כל השנה, ווי מ'שרייבט אויף די שערים פון די סידורים בכלל און אין דעם סידור אויכעט) אידער (ס'רעדט זיך) די תפלה פון ובא לציון גואל, וואס אלס הקדמה דערצו זאגט מען "למנצח גו' יענך ה'" און מסיים "ה' הושיעה המלך יעננו ביום קראנו".

וואס דארט ברייננגט ער אראפ די מנהגים פון אמירת תחנון, און ווען מ'דארף דאס ניט זאגן און רעכנט דארט אויך אויס צווישן די ימים שאין אומרים בהם פון ר"ח סיון ועד י"ב בו ועד בכלל, וואס דאס איז דאך חמשה ימים לאחרי חג השבועות, ווארום "החג יש לו תשלומין כל שבעה".

וואס א סידור איז דאס ניט א ענין פון א שו"ע, במילא איז דאך דא כו"כ דינים ומנהגים וואס זיינען געבראכט אין דעם זעלבן סידור פון דעם זעלבן אלטן רבין אן דעם טעם המנהג, עאכו"כ מיט אזא מין אריכות.

דערנאך קומט די שאלה, והוא העיקר: אמירת תחנון הויבט זיך ניט אן פון זאגן "למנצח גו' יענך" און "ובא לציון גואל", דאס קומט נאך דעם עיקר פון אמירת תחנון וואס דאס איז לאחרי תפלת העמידה, וואס פאר דערויף, בארוכה, גלייך נאך שמו"ע, מיט אן אריכות גדולה, און א הוספה ביום שני וחמישי וכו', האט דאך געדארפט שטיין די באווארעניש ווען מ'זאגט יע און ווען מ'זאגט ניט, אט דעמאלט ווען ס'איז גלייך בתחילה.

עאכו"כ אז ס'האט ניט געדארפט שטיין (ניט דער מקומו המתאים איז) נאך דערויף ווי דער עיקר אמירת תחנון איז שוין אפגעזאגט געווארן פריער, בשעת ס'רעדט זיך וועגן א קאפיטל תהלים אלס א הקדמה צו "ובא לציון גואל", ניט אלס א תפלה עיקרית אדער תחנון עיקרית, וואס דערפון ווייס מען בנוגע צו "תפלה לדוד" וואס מ'זאגט פאר "שיר של יום", ווארט מען ביז מ'וועט קומען צו דעם ארט און ערשט דארט דערציילט מען די דינים און די מנהגים, כולל אויכעט דעם ענין פון י"ב סיון ועד בכלל זאגט מען ניט קיין תחנון, אין נופלים אפים ווי ער רעכנט דארט אויס די פרטים.

און דאס גופא מיט אן אריכות גדולה כאמור.

נוסף אויף דעם עצם ענין וואס ער איז מודיע אז דער מנהג אז מ'זאל ניט זאגן "עד י"ב סיון ועד בכלל", און דערנאך זאגט ער אז דאס איז "חמשה ימים לאחרי חגה"ש", ווארום דער חג האט "תשלומין כל שבעה",

וכמדובר ומובן ומפורסם, אויף וויפל דער אלטער רבי האט מדייק געווען בכל ספריו, עאכו"כ אין א ספר וואס מ'האלט עם כל השנה כולה [ווי געזאגט פריער], און א ספר וואס איז א סידור תפלה, וכל' הכתוב אין קהלת אז ווילבאלד אז "האלקים בשמים ואתה על הארץ" דערפאר דארפן זיין דברים מעטים.

ובפרט נאך ווי דער אבן עזרא איז דארטן מאריך אויף וויפל מ'דארף ניט מאריך זיין און ניט מוסיף זיין, און ניט זאגן אזוי אן א הסברה אן א טעם און אן א יסוד א ריבוי דברים בתפלה אפילו ווען ער האט די הקדמה לזה "דע לפני מי אתה עומד".

בנוגע לענינינו: איז דאך כאמור - וואס איז נוגע איצטער איז דאך בייגאכט, ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון אמירת תחנון, בשעת מעשה אדער לאחרי זה, איז דאך

דערפאר וואס דאס איז דער סיום, ובהלשון אז דאס איז ניט סתם א סיום נאר דאס איז אוילעט "תשלומין" פאר חגה"ש,

וואס "תשלומין" האט אין זיך די ביידע אפטייטשן: א) אז דאס איז "אפצאלן" אט דאס וואס מ'האט געדארפט טאן פריער, ב) ס'האט אין זיך אבער אויך דער אפטייטש פון לשון "שלימות".

וואס דאס איז דאך במיוחד נוגע לאור פון דעם ציווי פון "להעלות בקודש", ווי גערעדט ביי דער פריערדיקע התוועדות בארוכה בדוגמא ווי דער אלטער רבי ברענגט בספר התניא אז "עיקר התשובה בלב" איז אע"פ אז די תשובה וואס ער האט געטאן לפנ"ז איז געווען בתכלית השלימות בכל הענינים, במעשה בדיבור ובמחשבה בהרגש הלכה וכו',

בשעת דער לב שטייט אין העכערן מעמד ומצב איז אט דעמאלט הויבט ער ערשט אן עבודת התשובה, וויבאלד אז עיקר התשובה איז בלב.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שלימות בכל עניני יהדות תורה ומצוותי', אז אע"פ וואס לפי מעמדו ומצבו ווען ס'איז געקומען לידו בפעם הראשונה, האט ער דעמאלט געלערנט די תורה און מקיים געווען די מצוות בתכלית השלימות.

בשעת ער שטייט אין א העכערן מצב איז דעמאלט איז די שלימות וואס ווערט פון עם פארלייגט ווערט אויכעט העכער צוזאמען דערמיט וואס זיין מצב ווערט אויכעט העכער.

וכמדובר כמ"פ, ס'איז דא אזוינע וואס ווילן דוקא געפינען א הלכה מפורשת דוקא אין נגלה דתורה וויבאלד אז "הנגלות לנו ולבנינו", - איז דאס פארשטאנדיק פון א דין מפורש בתורה, וואס איז דא ביז אויכעט אין תורה שבכתב.

ס'איז דאך דא אזוינע ענינים וואס זיינען תלוי אין מעמד ומצב האדם בגשמיות כפשוטו, ווי אין דעם ענין פון קרבנות:

ס'איז דא קרבנות וואס זיינען שוה לכל נפש, דערנאך איז דא קרבנות וואס הייבגען אפ אין זיין מעמד ומצב בגשמיות, צי איז ער אן עשיר אדער (וויניקער) נידעריקער פון אן עשיר בכסף וזהב, א דל, ביז אויכעט דלי דלות.

וואס דערפון איז דאך אויכעט פארשטאנדיק, בשעת ער ווערט העכער, פאדערט זיך פון עם א קרבן לפי מעמדו ומצבו, אע"פ וואס בנוגע צו דעם קרבן וויבאלד אז דער קרבן איז געווען כפרה בשלימותה, איז געווארן בטל דער גאנצער חטא. במילא איז ניט שייכות אז נאך דערויף וואס ער האט שוין מקריב געווען דעם קרבן עני, זאל ער דערנאך דארפן ברענגען א צווייטן מאל א קרבן עשיר - ער האט ניט אויף וואס צו ברענגען, דער חטא איז נתכפר געווארן בשלימות, ניטא אויף וואס צו ברענגען, דער חטא אויף וועלכע מ'דארף ברענגען דעם קרבן איז שוין ניט במציאות שוין, קען ער ניט ברענגען קיין קרבן.

משא"כ אבער בעניננו, וויבאלד אז מ'איז פארבונדן מיט ענין התשובה און התשובה היא בלב, און התשובה היא בלב לפי מעמד ומצב הלב, איז דערפון אויכעט פארשטאנדיק בדוגמא ווי מ'זאגט אז מ'קומט אין א העכערן עולם און א העכערע דרגא בפשטות העולם אין פשטות העולם, ווי די גמ' זאגט בנוגע צו א בגד פון אזא מין וואס איז ניט קיין ת"ח איז ניט נוגע אז "נמצא רבב על בגדו".

משא"כ אז ער ווערט נתעלה און ער שטייט אין א מעמד ומצב פון א ת"ח, אט דעמאלט איז דאס ניט נאר סתם אז ס'דארף ניט זיין, ס'איז נוגע ביז צו זיין גאנצע מציאות, וואס דערפאר איז דער חיוב שלו העדר המציאות.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דערפאר איז אויכעט בנוגע לעניננו, ובפרט נאך אז דא איז ניט שייך זאגן אז דער חיוב התורה והמצוה ביום י"ב בסיון אדער י"א בסיון איז דאס קיים בכל תקפו, איז דא ניט שייך צו זאגן אז ער האט שוין יוצא געווען מיט די שלימות וואס איז געווען לפני"ז, דערפאר וואס דאס איז א חיוב חדש בכל יום.

כולל אויכעט בזה אט דאס וואס איז לכאו' געווען מערנינט ווי בזמן מתן תורתינו "באימה ביראה וברתת ובזיעה" א מעמד ומצב מיוחד, ווי דער רמב"ם זאגט "עינינו ראו ולא זר אזננו שמעה ולא אחר", - זאגט גלייך די גמ' און פארבינדט דאס מיט א הלכה בפועל אז "מה להלן באימה ביראה ברתת ובזיעה אף כאן (בכל מקום ובכל זמן ווען ער לערנט איזה ענין שבתורה דארף אויכעט זיין) באימה ביראה ברתת ובזיעה" און ניט א מעין, נאר מ'זאגט אז "מה להלן.. אף כאן".

וואס לכאו' איז משום זה איז דאך דער זעלבער מעמד ומצב סיי י"ב סיון, סיי י"ג סיון און כל השנה כולה זאגט מען בתחילת היום "נותן התורה", און ווי מפרשים טייטשן דאס אפ און דער אלטער רבי ברייננגט דאס אראפ אין לקו"ת אז "נותן - לשון הווה".

איז אבער דא ענינים מיוחדים צו חג השבועות לגבי כל השנה כולה כמדובר כמ"פ אלס הקדמה צו מ"ת איז דאך געווען יציאת מצרים "בהוציאך את העם.. תעבדון את האלקים", געפינט מען אזוי אויכעט אין יציאת מצרים אז ס'דארף זיין בכל יום און פעמיים בכל יום, כולל אויכעט ימי הפסח, און אין די ימי הפסח איז דא א ענין נוסף וואס דעמאלט איז דאס לספר ביציא"מ מיט די אלע פירושים והוספות און ביאורים וואס דאס איז נוסף אויף דעם חיוב פון יציאת מצרים במשך כל השנה כולה.

עד"ז איז אויכעט בנוגע צו מ"ת וואס קומט דערנאך לאחרי יציאת מצרים, אז ס'איז דא ווי דער ענין פון קבלת התורה און מתן תורה און לימוד התורה כל ימי השנה כולה, און דערנאך איז דא ווי דאס איז אין זמן מתן תורתינו.

און דערנאך קומט הלכה (תורה דורך הלכה) בפועל און פסק'נט אפ אז דאס האט תשלומין ביז י"ב סיון ועד בכלל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז ניט נאר מצד דעם חיוב וואס איז דא אין תורה וכל השייך לזה, וואס לכל לראש איז דאס דאך כולל וואס "גדול לימוד שמביא לידי מעשה", און ווי דער אלטער רבי איז מדייק אין שו"ע אז דער פירוש בזה איז אז אין וואס באשטייט די גדלות פון דעם לימוד - אט דאס וואס ער איז "מביא לידי מעשה".

איז נאך דא אויף דערויף נוסף לזה, אז אפי' אט דער ענין חדש וואס איז דא אין זמן מתן תורתינו בערך כל ימות השנה, האט דאס אויכעט תשלומין עד י"ב סיון ועד בכלל", און מ'קלייבט אויס ניט דעם לשון מילואים וכיו"ב, וואס דאס איז אויכעט "ממלא" את החסר נאר דער לשון בזה איז "תשלומין", סיי אין גמ' סיי ווי דער אלטער רבי ברייננגט דאס אראפ בסידורו.

וואס "תשלומין" כאמור, האט אויכעט דעם ענין וואס דאס איז "שלימות".

וואס אדרבה - מצד דערויף וואס אידן זיינען בחזקת כשרות, במילא איז דאך כל אחד בחזקתו אז ער האט געטאן כל הענינים בחגה"ש ביז אין א אופן פון "בשלימות".

איז דאך לכאו' - פונקט אזוי ווי מ'האט מקריב געווען דעם קרבן בחגה"ש איז דאך אין די ימים שלאח"ז איז דאך ניט געווען קיין ארט אויף מקריב זיין דעם קרבן עולת ראי' וכיו"ב, ואדרבה - דאס איז א זאך וואס מ'האט דאס גאר ניט געטארט טאן.



הנחה פרטית בלתי מוגה

איז דא אבער דא "קלקלתו זו היא תקנתו" - ווען ס'רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען ניט פארבונדן מיטן ביהמ"ק כפשוטו נאר מיט דעם רוחניות פון דעם ביהמ"ק ווארום ס'איז "חרב ביהמ"ק", איז "זו היא תקנתו", אז ס'קומט צו אז אע"פ אז א וודאי האט יעדער איד געטאן בחגה"ש כל הענינים וואס מ'דארף טאן, כולל אויכעט די הקרבת הקרבנות ווי דאס איז אין עבודה רוחנית פון יעדן אידן בזמן הגלות, ובפרט נאך אין חו"ל.

זאגט מען, אז ס'בלייבט נאך עד י"ב סיון ועד בכלל, אויכעט א המשך פון די ימי החג (פון דעם חגה"ש), און ניט דערפאר וואס דעמאלט האט ביי עם ח"ו עפעס געפעלט, אעפ"כ זאגט מען אז דאס ווערט נמשך ביז י"ב ועד בכלל, און ס'ווערט נמשך אין א אופן וואס דאס ווערט אנגערופן בשם תשלומין מלשון שלימות.

וואס בפשטות [כמדובר כמ"פ] המעשה הוא העיקר, ובפרט אז מ'געפינט זיך אין עולם העשי', און אין עולם עשי' גופא אין דעם עשי' שבעשי' [ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק בנוגע צו סוכת דוד הנופלת אז פארוואס דוקא בזמינו אלו איז דער עיקר העבודה אין דעם ענין פו צדקה, ווארום דאס איז וויבאלד אז מ'דארף דאס אויפהויבן מלמטה מטה וואס איז פארבונדן מיט עשי', ווי ער איז דארטן מבאר אין איין אגרת און עד"ז אויכעט בשאר האגרות]:

געפינענדיק זיך אין עקבתא דמשיחא, און אין דערויף גופא אין די לעצטע טעג פון גלות, וואס דאס איז דאך אין עקבתא דמשיחא גופא אין מדריגה און ימים הכי אחרונים איז אט דעמאלט איז זעלבסטפארשטענדליך אז ס'מוז אראפקומען במעשה בפועל.

אז אט די אלע ענינים וואס מ'האט מחליט געווען און מ'האט אנגעהויבן אין זיי טאן במשך חגה"ש, און מ'האט געטאן אין דערויף בכל האפשרי, ביז ס'ווערט אנגערופן "בשלימות", ווי אנגערופן ע"פ תורת אמת.

איז ניט נאר אז דערנאך ווען ס'קומען די ימי התשלומין ביז י"ב איז אט דעמאלט איז כל יומא ויומא עביד עבידתי' דארפן טאן זייער חלק אט דאס וואס געהערט צו דעם טאג מפני ענינו, נאר ס'דארף אויכעט זיין אין יעדער טאג ביז י"ב סיון א ענין וואס ער איז משלים אויכעט פון לשון שלימות.

ואדרבה - דער עיקר פון לשון שלימות וויבאלד אז דעמאלט האט ביי אים גארניט געפעלט לפי מעמדו ומצבו "ואיני מבקש אלא לפי כוחו", איז לכאו' איז דאס בדוגמא צו הקרבת הקרבנות בזמן שביהמ"ק קיים.

זאגט מען אבער אז ס'איז דא אין תשלומין אויכעט דער לשון שלימות, וואס צו שלימות איז דאך כל יומא קען ער דערגרייכן א גרעסערע שלימות, והראי' - דערפון גופא וואס דער אויבערשטער גיט עם נאך א טאג, און "ימים יוצרו ולוא אחד בהם" ס'איז דאך זיכער "לא ברא הקב"ה דבר א' בעולמו לבטלה" האט ער דאס עם געגעבן דעם טאג, און אויף וואס גיט דער אויבערשטער טעג - איז דאך דאס כדבר משנה: "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני".

איז דאס גופא איז א הוכחה אז ס'קען צוקומען נאכמער שלימות במילא דארף צוקומען נאכמער שלימות, אנהויבנדיק פון די ענינים הכי פשוטים א הוספה אין התמדה ושקידה אין לימוד התורה סיי אין נגלה דתורה און סיי אין פנימיות התורה וואס דאס איז דאך כגוף ונשמה דארף מען האבן ביידע זאכן צוזאמען כדי ס'זאל זיין א לעבעדיקע זאך כדבעי.

אויכעט אין "גדול לימוד שמביא לידי מעשה", אז ס'קומט צו אין לימוד איז מעצמו מובן אז ס'קומט צו אין מעשה און אין אופן המעשה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

' און די אלע ענינים וואס מ'האט אויף זיך גענומען בנוגע צו הפצת התורה ומצוותי' ובכל הפרטים, ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדות.

איז אט דא האט מען נאך אט די שעות, עד דעם סיום וחותם פון יום י"ב, ניט נאר אז מ'זאל אויפטאן אין די ענינים וואס איז אלס חובת היום פון י"ב סיון.

נאר אויכעט אויף משלים זיין און מלשון שלימות, אין די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט זמן מתן תורתינו, און אויכעט מועדים לשמחה, א לשון פון שלימות ניט נאר דער ענין פון באצאלן א ענין וואס ס'האט געפעלט וואס העמד אידן על חזקתם אז דעמאלט האט גארניט געפעלט.

און אט דעמאלט אז מ'איז מחליט בהן און במעמד כמה עשיריות מישראל ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א אט דאס וואס חז"ל זאגן "אכל בי עשרה שכינתא שריא" איז אפי' אז ער פילט גארניט בשעת מעשה איז א זיכערע זאך אז דאס פועל'ט ביי עם באופן מקיף, און אזא מין מקיף וואס קומט דערנאך אראפ אויכעט אין פעולה.

עאכו"כ אז מ'האט דאך דברי רבותינו נשיאינו בכתב און פארשידענע ערליי אופנים של פרסום, וואס זיי זיינען מעורר אויף די אלע נקודות, איז דאך א זיכערע זאך אז אפי' ער פילט דאס ניט בלב פארשטייט ער דאס במוח וויבאלד אז מ'געפינט זיך במעמד כמה עשירות מישראל, איז א זיכערע זאך אז שכינא שריא, איז א זיכערע זאך וויבאלד אז מ'זאגט אויף דער דרגא אז דאס איז דער דרגא וואס ווערט אנגערופן "שכינתא" - ששוכנת ומתלבשת.

און אין דערויף זאגט מען אז די דרגא שטייט אין א אופן פון "שריא", פארשטייט מען דאך במוח ובשכל, אז ס'איז א זיכערע זאך אז דאס העלפט עם אז ער זאל אננעמען לכל לראש די החלטות במילואם, און דאס גיט עם אויכעט הצלחה רבה דערנאך, אין דורכפירן די החלטות בפועל און במעשה, וואס הוא העיקר,

ובפרט נאך אז דאס איז אויכעט אין א מקום שמגדלין בו תפלה, א ביהכ"נ, און א מקום שמגדלין בו תורה, א ביהמ"ד, האט מען דאך די קדושת הזמן און קדושת המקום און די קדושה פון בנ"י וואס זיי זיינען א עדה קדושה, וויבאלד אז דאס איז עשרה וכמה עשיריות.

וואס אע"פ אז לכאו' איז קיין נפק"מ מצד כל בי עשרה, - פארשטייט מען דאך אבער מצד די חילוקי דיעות לפועל בנוגע צום נוסח פון ברכת המזון אז ס'איז דא א חילוק פון מאה און אלף און רבוא וכו', איז אפי' אז למעשה בפועל איז דער דין ווי איינע פון די דיעות האט מען דאך די הסברה אז אלו ואלו דא"ח, וברוחניות, איז דאך קיין סתירה ניט, קען ער דאך טאן ביידע זאכן צוזאמען, און וויבאלד אז ער קען טאן ביידע זאכן צוזאמען סיי דער ענין פון צד השוה שבהם אין די אלע נוסחאות, און סיי דעם ענין וואס ס'קומט צו מצד דערויף וואס דאס איז מאה אדער אלף אדער נאכמערער,

ובפרט נאך אז ווי מ'זעט דאס בפועל, וכמדובר כמ"פ מעשה רב: אז א איד ווערט נתרשם בשעת ער געפינט זיך במעמד פון עשרה מישראל, דערנאך געפינט ער זיך ברוב עם הדרת מלך, במעמד מאה מישראל אדער אלף מישראל, איז נאך די גאנצע הסברה וואס מ'זאגט עם אז שכינתא שריא איז גענוג אויף דערויף צען, זעט מען בפועל אז ער ווערט מער נתרשם ביז אז דאס ווירקט אויכעט בנוגע למעשה בפועל ווען ס'איז דא מאה אדער אלף אדער נאכמערער.

און וויבאלד אז מ'זאגט אז בנוגע צו רוחניות, איז דא טאקע ענינים וואס מקום איז מפסיק, מ'קען ניט מצרף זיין צו א מנין איינער וואס געפינט זיך ניט אין דעם רשות, ס'דארף זיין די עשרה אנשים באותו הרשות, ווי דער דין איז אפי' ווען ס'איז קטנה פתוחה לגדולה אדער גדולה פתוחה לקטנה, צי מ'קען מצרף זיין די



הנחה פרטית בלתי מוגה

אלע וואס געפינען זיך אין די צוויי באזונדערע, ווי אויך אראפגעבראכט אין שו"ע, איז אבער דא כמה ענינים רוחניים וואס מקום איז דארט לגמרי ניט מפסיק,

און וויבאלד אז מ'איז געקומען צו אזא מין צייט אז דער אויבערשטער האט מגלה געווען [ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדות] בנוגע זהב אז לא הי' העולם ראוי להשתמש בו נאר וואדען מ'האט דאס געדארפט האבן צוליב דעם משכן און ביהמ"ק האט מען דאס געגעבן אין וועלט בכלל.

דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז כל דבר טוב וחדש וואס ווערט נתחדש אין וועלט איז בעיקר דארף מען דאס האבן דערפאר וואס מ'דארף דאס נוצן אין עניני קדושה, כדי דאס זאל אבער ניט שולל זיין דעם ענין הבחירה, גיט מען דאס ארויין אין וועלט, און דערנאך איז "ובחרת בחיים", מ'קלייבט ארויס אלע ענינים פון וועלט און מ'נוצט דאס אויף חיים אמיתיים.

עד"ז אויכעט אז מ'האט מחדש געווען אז מ'קען ריידן דא און הערן דארטן איז דאך פארשטאנדיק אז עיקר הענין איז דאס כדי מ'זאל דאס נוצן אויף איבערגעבן עניני תורה ויהדות, כדי דאס זאל ניט אנרירן אין ענין הבחירה קען מען דאס אויכעט נוצן אויף אנדערע זאכן.

איז וויבאלד אז מ'קען נתאחד ווערן דורך דערויף וואס מ'הערט דעם זעלבן פסוק פון תורה שבכתב מיטן זעלבן מאמר חז"ל פון תושבע"פ, אדער די זעלבע הוראה פון רבותינו נשיאנו, איז דאך זיכער אז סיי תושב"כ און סיי תושבע"פ סיי רבותינו נשיאנו שבעולם האמת, זיינען זיי באותה שעה און בבת אחת, אין די אלע ערטער, און מ'איז זיי דארטן ממשיך דורך דערויף וואס מ'זאגט דעם פסוק אדער דעם מאמר חז"ל ווי בעל השמועה עומד כנגדו, ווי ער זאגט אין ירושלמי, אדער א הוראה פון רבותינו נשיאנו.

וואס על"ז ווערט דאס ניט נאר אט די וואס געפינען זיך דא, נאר דאס פארבינדט אויכעט בנוגע צו די התעוררות בענינים אלו, און המשכת הסיוע מלמעלה אין ענינים אלו, געפינט מען זיך במעמד ומצב פון די אלע וואס זיינען פארבונדן דורך די אלע המצאות חדשות און הערן בעת מעשה דעם פסוק וואס מ'זאגט און דעם מאמר חז"ל וואס מ'זאגט מיט די הוראות רבותינו נשיאנו וואס מ'חזר'ט איבער, ווערן זיי אלע נתאחד עי"ז.

אט דעמאלט ווערט דער "ברוב עם", א סאך א גרעסערער "ברוב עם", במילא איז דאס אויכעט מוסיף אין "הדרת מלך",

וואס בפשטות גייט דאס אויף ממה"מ הקב"ה, וואס דאס איז נאך א העכערע דרגא ווי שכינתא.

קומט אויכעט דערנאך אראפ מלמעלה למטה, א הצלחה אין דעם מילוי פון די אלע החלטות אנהויבנדיק פון די החלטה פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" נוסף על העיקר - מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום מצוותי' בנוגע לעצמו, וואס דערמיט דארף ער אנהויבן כל יום ויום שלו, עבודת התפלה, און "יהיב פרוטה לעני והדר מצלי" ענין הצדקה.

און "מביהכ"נ לביהמ"ד" - ענין התורה, און דערנאך "הנהג בהם מנהג דרך ארץ" ער פירט ארויין דער "דרך ה' לעשות צדקה ומשפט" אין ארץ הלזו הגשמית ע"י הפצת התורה ומצוותי' והיהדות בכלל, אז דאס טוט זיך אין א אופן למעלה ממדידה והגבלה.

און מ'ציט ארויין אין דערויף נאך א אידן מיט נאך א אידן, ביז וואנעט עס ווערט דער רוח הטומאה אעביר מן הארץ, ואתם תהיו לי ארץ חפץ, אז ביי אידן ווערט דאס די מציאות, בדרך ממילא ווערט אויכעט בטל די גאנצע מציאות

בכל העולם כולו, וויבאלד אז די רוח הטומאה בעולם האלט זיך מערניט ע"י האמצעות פון קליפת נוגה, וואס דאס איז פארבונדן מיט די הנהגה פון א אידן ווי דער אלטער רבי איז מאריך בארוכה אין ספר התניא.

און ס'קומט אראפ בדרך ממילא - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

און דאס איז ניט ח"ו בדרך ממילא נהמא דכסופא - דאס איז ע"י מעשינו ועבודתינו וואס יעדערער טוט מיט זיך, און טוט מיט די בני ביתו, און טוט מיט חלקו בעולם, און נאכמערער, אין דעם גאנצן עולם וואו נאר ער קען דערגרייכן,

און טוט דאס כאמור, מיטן תוקף המתאים און מיט סיוע מלמעלה המתאימה, דאס ווערט אבער גערעכנט אלס זיין עבודה און זיין מעשה.

און מ'ברענגט אראפ דעם מעשה הכי גדול די גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמאלט איז דאך דער דין אז מעשה גדול, במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו.

ב. וואס האמור איז דאך בי"ב סיון בכל שנה ושנה.

וכמדובר באריכות כמ"פ אין די פריערדיקע התוועדות'ן וואס לויט תורת הבעש"ט איז דא א הוראה אין עבודת האדם לקונו (אדער דעם צווייטן לשון ליוצרו) פון יעדער זאך וואס ער זעט אדער ער הערט,

איז דאך עאכו"כ פון אן ענין וואס דאס איז פארבונדן מיט מנהג ישראל, און נאכמערער - מיט תורה עצמה, און נאכמערער מיט קביעות החדשים, וואס דאס איז דאך איינער פון די העכסטע ענינים, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז אין דערויף האט מען אפגעגעבן אידן די חוו"ד און די החלטה בזה, וואס מ'געפינט דאס גארניט בשאר עניני התורה ומצוותי', אפילו אתם מוטעין, או ביז אפילו אתם מזידין, האבן אידן דעם כח אויף קובע זיין אט דעם ענין בנוגע צו חדשים ושנים על כל הענינים כולם וואס זיינען דערמיט פארבונדן, ביז ענינים אויך פון קדשי קדשים, - קביעות יוהכ"פ, ביז אין די ענינים הכי עליונים, וואס מ'זאגט אויף דערויף חברים מקשיבים לקולך השמיעיני, אז הקב"ה זאגט צו דעם ב"ד של מעלה בואו מ'וועט הערן פון ב"ד של מטה אויף ווען מ'האט קובע געווען בנוגע צו עיבור השנה און עיבור החודש, וואס דערמיט איז פארבונדן ר"ח און קריאת התורה וכו' וכו'.

וואס אע"פ וואס איצטער איז דאך ניטא דער קידוש ע"פ ב"ד ע"פ הראי' - איז דאך אויך אבער נקבע געווארן ע"י הלל על כל הדורות כולם, וואס ער האט דאך דאס אויך קובע געווען ע"פ התורה ומצוותי', ביחד דערמיט וואס דאס איז געווען איינער פון א ב"ד וואס דעם ב"ד האט מען איבערגעגעבן בנוגע צו קביעות החודש ור"ה והשנה ועיבור השנה, כולל אויך בנוגע צו דורות העתידים וואס דעמאלט וועט מען ניט קענען מקדש זיין ע"פ הראי'.

ווי דער ענין איז בפשטות, עאכו"כ ווי דער ענין איז ע"פ פנימיות הענינים, איז דאך דערפון נאכמערער מוכרח אז עס זאל זיין א הוראה צו א אידן, וויבאלד אז אין דערויף איז דא דער תפיסת ידי אדם מערער וויפל ס'איז דא אין שאר עניני התורה, וואס מ'זאגט דאך בכלל אז תורה לא בשמים היא, אז דאס הענגט אפ אן דעם ב"ד שלמטה, אבער עד כדי כך אז אתם אפילו שוגגין ומוטעין ומזידין - געפינט מען דאס בנוגע צו לבנה ושמש, בנוגע צו עיבור החודש און בנוגע צו עיבור השנה.

וואס זיי זיינען דאך פארבונדןביידע צוזאמען.

איז דאך אין דערויף זיכער אז ס'איז דא א שייכות צו בנ"א, וויבאלד אז דאס איז נאכמער פארבונדן מיט תפיסת ידי אדם.

איז די קביעות פון ש.ז. אז דאס קומט אויס אין פ׳ בהעלותך - י״ב סיון, וואס ס׳קען דאך זיין אז ס׳זאל אויכעט זיין בפ׳ נשא, וויבאלד אז כאמור לעיל איז מוכרח אז ס׳זאל זיין נשא בסמיכות צו שבועות, ס׳קען אבער זיין אויף פארשידענע אופנים.

און פ׳ בהעלותך גופא קען זיין אן אונטערשייד אין וועלכער טאג פון דער פרשה, ביז וואנעט אז אויב נשא איז חל לפני חגה״ש איז אט דעמאלט קומט גאר אויס י״ב סיון לאחרי הפרשה.

וואס אין בהעלותך איז דאך דא די תמי׳ הידועה אויף וועלכע דער אלטער רבי איז מאריך אין דערויף, וואס ס׳הויבט זיך אן (גלייך די סדרה) מיט "בהעלותך את הנרות" און ס׳זאל זיין "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות", און דערנאך זאגט ער "וזה מעשה המנורה.. ירכה עד פרחה מקשה היא".

וואס לכאו׳ איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: ווי פאסט דא ארייין דער סיפור וועגן "זה מעשה המנורה" - דאס געהערט אין שמות (אין ספר שמות) אין פרשה תרומה און דערנאך אין ויקהל אט דארט וואו ס׳ווערט איבערגע׳חזר׳ט וואס דער אויבערשטער האט געזאגט.

און בפרט אז אין פ׳ בהעלותך גופא - חזר׳ט מען איבער אז "כאשר צוה ה׳ את משה כן עשה את המנורה" - וואו איז געווען דער ציווה ה׳ את משה - שטייט דאס אין די פרשיות האמורות (תרומה און ויקהל), און מיט נאכמער פרטים ווי ס׳שטייט דא, און דא חזר׳ט ער איבער עכ״פ פרטים אחדים, דאס איז אבער אויכעט א ענין כללי ווי ער זאגט "מקשה אחת" וואס דאס גייט אויף די גאנצע מנורה.

און הויבט אן אז נאך דערויף וואס מ׳דערציילט וואס אהרן האט געדארפט "בהעלותך את הנרות", ס׳הויבט זיך אן א ענין נוסף וחדש "וזה מעשה המנורה" ווי אזוי מ׳האט געמאכט די מנורה?

וואס דערצו קען מען נאך מוסיף זיין נאך א דיוק:

אין דער פרשה גופא איז ניט פארשטאנדלק, ווי אזוי קען זיין "וזה מעשה המנורה" נאך דערויף וואס ס׳איז דא "בהעלותך את הנרות"?

איז אפילו אז מ׳דארף דערציילן וועגן ביידע ענינים, איז ווי אזוי האט מען זיי געדארפט דערציילן - אז "זה מעשה המנורה" באופן כך וכך, און אז ס׳איז געמאכט געווארן די מנורה איז אט דעמאלט דארף מען מיט איר ממלא זיין די מצוה אז "בהעלותך את הנרות" איז "אל מול פני המנורה".

וואס די נקודת הביאור איז שוין אויכעט געדרוקט אין ספר המאמרים תקס״ו און נאך אין אנדערע ערטער אין בּיכלאך:

אז די מנורה וואס זי איז ספירת המלכות בלשון הקבלה, איז אין איר דא צוויי ענינים:

א) "בהעלותך את הנרות" - עלית המלכות, "בהעלותך", ב) און דער ענין פון בנין המלכות, "וזה מעשה המנורה".

און אזוי ווי אין די פרשה תרומה און ויקהל איז ניט דערמאנט געווארן בנוגע צו די ספירות מעשה המנורה בנין המלכות איז פארבונדן מיט ספירת החכמה - מיט אבא, איז דערפאר איז מען דאס דא ממלא, אויף מודיע זיין אז דאס איז אויך געטאן געווארן דורך אהרן וואס ער איז פון ספירה החכמ׳, אור אבא, נצה דאבא, ווי ער ברייינגט דאס אראפ אין דעם מאמר.

וואס ער האט געטאן בילדע זאכן, סיי בהעלותך את הנרות און סיי בנין המלכות וזה מעשה המנורה, וואס ע"כ איז דער לשון פון דעם אלטן רבי'ן ווי ס'שטייט אין דעם מאמר.

מ'וויל דאך אראפלערנען כאמור פון יעדער זאך א הוראה בפועל, מיוסד אויף הושבע"פ בכלל און מאמרי רבותינו נשיאנו במיוחד, די דרושים פון בהעלותך את הנרות:

וואס מ'איז מבאר אז דאס גייט אויף "נר ה' נשמת אדם" וואס זיי טיילן זיך אין שבעה סוגים - שבעת הנרות, דארף זיין "בהעלותך את הנרות" אז אהרן כהנא רבה צינדט אן דעם "נר ה' נשמת אדם" וואס איז דא ביי יעדן סוג פון די אידן ביי אלע שבעה סוגים, און צינדט זיי אן אין אזא מין אופן אז "אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות", ניט סתם זיי זאלן לייכטן נאר ס'זאל זיין אל מול פני המנורה, און צינדט דאס אן אין א אופן "בהעלותך" עד שתהא שלהבת עולה מאלי'.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק אז מ'זאגט דערנאך "וזה מעשה המנורה" איז דאס אויכעט קומט בהמשך צו דעם ענין האמור, און בפרט נאך און מיוסד (בפרט) ע"פ האמור אז אהרן טוט אויף אויכעט די מעשה המנורה.

וואס וואס איז דאס בנוגע למעשה בפועל, וואו איז דא די פארבינדונג מיט מ"ת?

וואס מיוסד על האמור, און מבואר לעיל בארוכה, אז דער ענין פון מ"ת האט דער אויבערשטער געזאגט אז דורך מ"ת און "שמוע תשמעו" קיום המצוות, איז "אתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש".

און אין כהנים איז דאך אויכעט כמדובר לעיל בארוכה, כמה מפרשים כהנים סתם, און דערנאך ווי ער ברענגט אראפ אין בעל הטורים (מיוסד אויף די מכילתא) איז מדריגה פון כה"ג.

וואס דאס איז דאך אויכעט "בהעלותך את הנרות" וואס מ'האט דאס געזאגט אהרן'ען, איז נוסף על הענין אז "בהעלותך את הנרות" דארף מען ניט האבן דוקא א כה"ג אפי' א כהן סתם קען דאס טאן.

אעפ"כ שטייט דער ציווי (דער לשון הציווי) אז מ'האט דאס געזאגט אהרן'ן ניט דערמאנענדיק דערביי בניו.

וואס דאס איז אויכעט פארבונדן דערמיט וואס ביי יעדער אידן איז אלו ואלו דברי אלקים חיים איז דא ווי ער שטייט אין א דרגא פון א כהן, און דערנאך ווי ער שטייט אין א דרגא פון א כה"ג.

וואס בשעת מ'זוכט דעם חילוק בנוגע לזמננו זה, איז וואס איז דער חילוק פון א כה"ג און א כהן סתם, אין עבודת האדם.

איז דאס פארשטאנדיק אז מ'דארף דאס געפינען אין די הלכות אין וועלכע ס'איז דער חילוק ביניהם.

וואס איינע פון די הלכות איז אז א כה"ג דארף זיין כל ימיו בירושלים ווי דער רמב"ם ברענגט דאס אראפ אלס א הלכה פסוקה. משא"כ א כהן סתם איז גאר אדרבה - ס'איז דא די וואס גייען ארום אויף די גרנות און קלייבן דארט די תרומות וכו'.

וואס דערפון איז אוילכעט פארשטאנדיק אז אפי' דער וואס ער גייט ארום מחוץ לירושלים איז ער דאך אוילכעט מחוייב אין טהרה וכיו"ב, פונקט אזוי ווי דער כה"ג איז מחוייב אע"פ וואס ניט מיט די הזמרות אבער ער דארף זיין טהור.

און ווי פשטות הטעם איז אז פארוואס דארף ער זיין טהור, דערפאר וואס ער איז פארבונדן מיט "לעמוד לשרת לפני ה'", וואס דערפון איז פארשטאנדיק בפשטות בנוגע צו יעדער אידן, איז דא די זמנים ביום וואס דעמאלט זאגט עם שו"ע אז דעמאלט איז "הנהג בהם מנהג דרך ארץ".

- ער האט צוטאן מיט וועלט, במילא איז ער ניט (בגלוי) "לעמוד לשרת לפני ה'", נאר אין דער וועלט דארף ער אויפטאן דער "כל מעשיך" לש"ש" און "בכל דרכיך דעהו", דאס איז אבער ניט דער אופן פון "לעמוד לשרת לפני ה'", אין מקדש אדער עכ"פ אין ירושלים.

און מ'זאגט ע"פ שו"ע - "הנהג בהם מנהג דרך ארץ", ובל' הגמ' אז "הרבה עשו כר' ישמעאל ועלתה בידם" אז "אדם חורש אדם זורע", און אעפ"כ איז לדעת ר' ישמעאל איז זיכער באווארנט די שאלה וואס ר' שמעון בן יוחאי פרעגט "תורה מה תהא עלי'".

איז דאך בפשטות אז ר' ישמעאל באווארנט דאס.

נאר דאס איז דער אופן לימוד התורה ווי ביי רשב"י איז דאס געווען קען דאס ניט זיין ווען "אדם חורש אדם זורע", משא"כ לויט דעם לימוד התורה וואס איז געווען לויט ר"י.

וואס דעמאלט איז צוזאמען דערמיט איז "אדם חורש אדם זורע", און בל' השו"ע "הנהג בהם מנהג ד"א".

וואס אט דעמאלט פירט זיך אויף א איד ניט ווי ס'פירט זיך אויף דער "לעמוד לשרת לפני ה'" נאר ווי ער געפינט זיך מחוץ לעזרה, אפי' מחוץ לירושלים אין א אופן וואס ער איז א לוי און נאכמער א ישראל, אדער אפי' ווי ער געפינט זיך אין חו"ל.

וואס בשעת ער שטייט ווי דער אויבערשטער האט דעמאלט געגעבן דעם כח אז ס'זאל זיין "ישראל עושין רצונו של מקום", איז דאס פארבונדן מיט א מעמד ומצב וואס מ'ווערט זיין "ממלכת כהנים".

ווארום ווילבאלד אז "עושין רצונו של מקום", איז דאס איז דער אופן ההנהגה לויט רשב"י, פרשה ראשונה פון ק"ש, וואס דארטן זאגט מען ניט "ואספת דגניך ותירושך ויצהריך", ווארום מלאכתו נעשית ע"י אחרים.

בדוגמא ווי א כהן וואס מ'זאגט עם "אני חלקך ונחלתך", און האט ניט קיין חלק בארץ במילא מאנט זיך ניט פון עם "אדם חורש ואדם זורע".

עד"ז בשעת דער מעמד ומצב פון מ"ת, וואס אידן האבן מקדים געווען נעשה לנשמע, וואס דאס איז דאך "עושין רצונו של מקום", בפרט ע"פ הביאור אז דאס איז דער ביטול צום בעל הרצון במילא איז דאס "עושין רצונו ש"מ" ווארום ער איז איין זאך מיטן בעל אויף אלע רצונות, איז אט דעמאלט איז הנהגתו ווי א כהן, "לעמוד לשרת לפני ה'" - תורתו אומנתו.

וואס דאס איז דאך סיי בארץ און סיי בחו"ל, בכל מקום ובכל זמן איז דאס בגדר האפשרי והיכולת.

וואס דאס איז "נתונה לכל אדם" ווי דער לשון הרמב"ם.

אעפ"כ איז דאך אויכעט דא דער אופן ומעמד ווי דאס איז ביי א כה"ג אדער ביי א כהן סתם, וואס דאס איז כאמור, דאס קומט ארויס און מ'קריגט דאס ארויס ע"י ההתבוננות אין דער הלכה אז א כה"ג איז אלעמאל אין ירושלים.

וואס ענינה פון ירושלים איז - יראה שלם, שלימות היראה, און עד כדי כך ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ אין פיה"מ דער ענין פון מע"ש וואס האט אויפגעטאן אז וויבאלד מ'האט דאס געדארפט ברענגען אין ירושלים, און אידן האבן געזען ווי אזוי ישראל במעמדם ולויים בדוכנם וכהנים בעבודתם, האבן זיי מיטגענומען די יראה פון מעמד ומצב פון ירושלים, בשעת זיי זיינען דערנאך געקומען יעדערער תחת גפנו ותחת תאנתו.

ד.ה. אז דער שלימות היראה פון ירושלים איז ניט נאר אין דעם וואס דארטן במעמדו ומצבו ובמקומו איז דאס שלימות היראה, נאר ווען היינסט א יראה בשלימותה - אז זי איז זיך דערנאך מתפשט און קומט אן בכל מושבות בני ישראל.

וואס דאס איז דער ענין פון נרות להאיר בנוגע צו תורה, עד"ז משפיע זיין ע"י עבודתו באופן תפלתו בנוגע לתורה, עד"ז בנוגע צום דריטן קו - גמ"ח קיום המצוות והצדקה, אז ער טוט דאס אין אזא מין התלהבות און אין אזא מין אופן אז די אלע וואס זעען ווי אזוי ער טוט דאס, נעמט דאס זיי דורך אז ממנו יראו וכן יעשו.

וואס דאס איז ווי געזאגט פריער, די ביידע אופנים, אז בשעת ער שטייט אין א דרגא פון א כהן איז אט דעמאלט איז "לעמוד לשרת לפני ה'", א העכערע דרגא אז דאס איז תכלית שלימות היראה בדוגמא ווי א כה"ג.

און דערנאך איז דא, וויבאלד אז ס'איז ניט געווען דער מעמד ומצב בתמידות פון עושין רצונו של מקום, קומט אראפ ווי רש"י טייטשט אף כהנים - שרים, אין פשש"מ אין עולם העשי', אז עכ"פ אפי' אז ער איז ניט אין מעמד ומצב פון כה"ג, אפי' ניט פון כהן סתם דאס איז אבער א זיכערע זאך אז ער דארף זיין אין א מעמד ומצב פון כהנים - שרים.

וואָרום אויב ער ווערט ניט קיין שר אויף זיין גוף ונפש הבהמית און דורך דערויף אויף חלקו שבעולם אט דעמאלט קען ער ניט דורכברעכן די גשמיות העולם מאכן דערפון א דירה לו ית' בתחתונים, וואס דאס איז "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני".

און אויף דערויף זאגט מען, אז דאס איז תפקידו פון יעדן אידן בנוגע צו זיך און בנוגע אויך צו א צווייטן אידן.

וואס ע"ד א מנורה זהב כולה - כללות פון אידן זיינען געטיילט אויף זיבן סוגים ווי דער אלטער רבי איז זיי מפרט אין לקו"ת אין די דרושים פון בהעלותך את הנרות.

עד"ז בלי לעדער יהיד, (וואס א יחיד איז דאך א רבים כפתגם נשיא דורינו דער רבי דער שווער) איז דא ז' מידות, וואס אט די ז' מידות אין זיי באשטייט עיקר עבודת האדם כמדובר כמ"פ אז "ירחיב א' את גבולך - לע"ל", וואס דעמאלט וועט אויכעט זיין דער כיבוש מלא אויכעט פון די ג' ארצות, אלצטער איז דער כיבוש מלא פון די ארץ פון שבעה עממין, וואס דאס איז דורך דערויף וואס מ'נעמט איין די שבעה מידות וואס דאס איז דער עיקר פון דער "איש מלחמה" - אין די זאכן וואס א איד דארף פירן אין זיי מלחמה.



הוצאה פרטית בלתי מוגה

איז אנהויבנדיק פון זיך, דארף זיין וזה **מעשה** המנורה, אז אע"פ וואס ער האט דאך נטיות: אמאל שטילט ער בקו החסד און אמאל שטילט ער אין קו הגבורה במילא שאקלט ער זיך אהין און אהער און א ענין דבר והיפוכו.

במה דברים אמורים אז ס׳קען זיין אזוי - איז דאס קודם עבודת האדם איידער ס׳איז דא דער **מעשה** המנורה.

בשעת ער מאכט מעשה המנורה אז מקשה כולה - אז זיי אלע זיינען אויסגעהאמערט אין אזא מין אופן אז מנורה זהב כולה **עד ירכה עד פרחה**, ווי דער פשטות הענינים, סיי דער מעמד ומצב הכי תחתון, וואס דאס איז ירכה, ביז דער ענין אין וועלכע די מנורה האט א פרח אז דאס איז די שיינקייט פון דער מנורה, ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ בנוגע צו כלל ישראל (כללות כל ישראל) עד"ז ביי יעדער אידן אז פון זיין כח הכי עליון ביז זיין כח הכי תחתון קען דאס זיין אין א אופן פון עלמא דפרודא, דארף זיין דער "מקשה זהב" - ווי אזוי קען ער אויספירן אז ס׳זאל ווערן "כולה מקשה זהב אחת" איז דאס דורך דערויף וואס ער האמערט דאס אויס - אין וואס פאר א אופן - כאשר צוה ה׳ את משה, ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה׳ן.

און דורך דערויף קומט דאס צו יעדער אידן, וואס ער איז דאך "תורה צוה לנו משה מורשה" - ער האט דאס איבגאנצן אפגע׳ירש׳נט, איז כאשר צוה ה׳ את משה מאכט ער די מנורה, זיין אייגענע מנורה.

דערנאך ווייס ער אז "ואהבת לרעך כמוך" איז "כלל גדול בתורה" מאכט ער דאס מיט מנורת זהב כולה - מיט יעדער אידן צו וועלכן ער קען דערגרייכן. אויף פועל זיין אויכעט אין עם אז דאס זאל זיין "כמוך", ווי דאס ווערט פארלייגט פון עם, פועל׳ט ער דאס אויכעט אין יעדער אידן צו וועלכן ער קען דערגרייכן.

און דערנאך מאכט ער אז דאס זאל זיין אל **מול פני** המנורה - אז די אלע ענינים קענען זיך דאך טאן כגוף בלי נשמה און א מעשה בלי כוונה וכו׳, ביז אין די ענינים בפנימיות אז דאס ווערט אל מול פני המנורה - אז ער שטיים העכער פון אלע רצונות און אלע מדידות והגבלות, זיין גאנצער ענין אין וועלכן ער לייכט און וואס גיט עם זיין מציאות איז דאס דער פני המנורה - דער פנימיות פון יעדער ענין, וואס דאס איז דער כח הפועל בנפעל אין דרגא הכי התחתונה בגשמיות העולם.

און דאס איז די נקודת החכמה בנקודת היהדות אין אותיות פשוטים ווי דאס איז ביי יעדער אידן, אז יעדער ענין וואס ער טוט איז אחד המרבה ואחד הממעיט ובלבד שיכוון לבו לאביו שבשמים.

ביז ווי אין דעם העכסטן פירוש אין דערויף, אז אין כוהות וואס זיי זיינען אין א ריבוי, און כוחות וואס זיי זיינען אין א מיעוט אדער די כוהות אליין איז דאס א כח רב און דאס איז א כח מועט, דארף זיין "שיכוון" בדוגמא ווי דארט האט מען מכוון געווען די שבע נרות אל מול פני המנורה, און "יכוון לבו" וואס דאס איז דער לב ישראל כמדובר לעיל, אז דאס איז לב אחד, און דאס פועל׳ט כאיש אחד, אויף מנורת זהב כולה - אויף אלע ששים רבוא מישראל, און דורך זיי אויף נשים וטף ביז אויכעט אויפן ערב רב.

וואס עפ"ז איז מובן ווי אזוי דאס איז אן עבודה וואס קומט בהמשך אחד דער "בהעלותך את הנרות" קומט בהמשך צו "וזה מעשה המנורה".

וואָרום די אחדות וואס מ׳מאכט דא למטה אז דאס איז "מקשה אחת" איז דאס ווערט א כלי און דאס נעמט אויף און אין דערויף ווערט נקלט די אחדות שלמעלה - דער "פני המנורה".

ס'איז דאך אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק דער סדר, כמדובר לעיל, פריער דארף זיין מעשה המנורה און דערנאך בהעלותך את הנרות?

איז אט דאס איז יש לבאר ע"פ המדובר לעיל כמ"פ, אז בשעת א איד איז מוסיף בעבודתו און מעלה בקודש, און ער טוט אויף בהעלותך את הנרות, ווערט דעמאלט די מנורה אין אן אנדער אופן אפי' די מעשה המנורה וואס זי איז געווען פון פריער.

בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע זמן מתן תורתינו, וואס אט דעמאלט ווי די גמ' זאגט אין יבמות איז "כקטן שנולד דמי".

דערנאך איז מען מסביר אז "הימים האלו נזכרים ונעשים בכל שנה ושנה", אז ס'קומט זמן מתן תורתינו דארף ער זיך מתבונן זיין און אריינטראכטן זיך און בל' רבותינו נשיאינו נשיא דורינו "איבערלעבן דאס נאכאמאל פון דאס ניי", חדשים, ניט כהדשים נאר חדשים.

זאגט מען דאך אז פריער האט ער געהאט א שנה של אורה ושל ברכה ושל גדולה ביז א שנה של תורה און א שנה של תשובה און א שנה של תפלה, איז אז ס'קומט זמן מתן תורתינו, ווערט ער א קטן שנולד דמי! ס'ווערט א מעשה המנורה מחדש!

דורך וואס ווערט דאס - דורך דעריוף וואס פריער איז דא ספה"ע, דער איינציקער סימן אויף שבועות איז (זמן מתן תורתינו), אז ס'דארף זיין "וספרתם לכם", און דערנאך אז ס'איז דא די שבע שבתות און ס'קומט דער יום החמישים ווייס מען אז דאס איז (ווי ער זאגט אין ירושלמי ניט נאר חג הביכורים נאר דאס איז) זמן מתן תורתינו, ע"י ההכנה והעבודה, ביז בפשטות דער ענין פון ספה"ע, אז ער מאכט פון יעדן טאג (פון די עצם מציאות פון דעם טאג מאכט ער) א מצוה.

ניט אז דערנאך דארף ער עפעס טאן, ער נעמט א קלף און שרייבט אן בדיו אויף דעריוף די פרשיות און דערנאך לייגט ער די תפילין ווערט דערפון א מצוה, נאר דורך וואס ער מאכט די ברכה - אז ער ציילט דאס, און אפילו אן דער ברכה וואס איז מדרבנן ער זאגט אז דאס איז יום אחד לעומר ווערט דורך דעריוף א מצוה בעולם.

ס'איז ניט צוגעקומען לכאו' קיין זאך ניט אין דעם טאג, גארניט ניט צוגעקומען אין דעם אידן, ער האט מערניט ווי געטאן וואס ער האט געציילט דעם טאג.

און דורך דער ציילן אליין, ווערט דער טאג א טאג וואס מיט עם האט מען מקיים געווען א מצוה, און מ'מאכט אויף דעריוף א ברכת המצוות על כל יום ויום בפני עצמו.

און אזוי טוט מען אין א שלימות ההיקף פון שבע, אין דעריוף גופא די שלימות פון שבע שבתות, און דאס ווערט אין א אופן פון תמימות, און דאס ווערט "תהיינה" ווי די גמ' (ספרי) זאגט אז תהיינה ווייזט דאס אויף א ענין של קביעות.

און דערנאך דערגרייכט ער צו יום החמישים וואס דעמאלט האט ער די תורה מחדש, און ער ווערט א קטן שנולד מחדש, דורך וואס - דורך דעריוף וואס ס'איז געווען פריער בהעלותך את הנרות, ער האט מקיים געווען די מצוות וואס זיינען שייכות און פארבונדן מיט כל יום ויום.

און אט דאס זאגט מען אז אע"פ אז אין תרומה און דערנאך אין ויקהל דערציילט מען אז דער אויבערשטער האט באוויזן משה'ן די מנורה, און "כאשר הראה ה' את משה" איז אזוי "עשה את המנורה", און דערנאך איז געקומען "בהעלותך את הנרות" ע"י אהרן, איז דערנאך געווארן וזה מעשה המנורה מחדש אין א אופן נפלא דאס איז נאך ניט געווען ביז דעמאלט,

- אן אור חדש, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בנוגע צו כל ראש השנה.

וואס איז דא די הוראה בנוגע לפועל -

אז ס'איז ניט דער פשט אז וויבאלד מ'האט עס שוין אפגעטאן דערנאך איז ער מוסיף על מה שהי' לפנ"ז, נאר ער האט בכח אויב ס'וועט נאר זיין די עשי' שלו, דער בהעלותך פון זיינע אייגענע נרות - פון זיין אייגענעם נפש, ואת אשר מסביבו כדבעי, האט ער בכח איבערמאכן, און מאכן פון דאס ניי די מנורה מיט די תכלית השלימות "כאשר הראה ה' את משה" איז "כן עשה" נאכאמאל מחדש דורך "בהעלותך את הנרות".

וואס אט דאס איז אויכעט פון די ענינים וואס מ'נעמט דאס פון פ' בהעלותך, און מ'קען דאס מסביר זיין אפילו לקטנים וקטנות בהמשך להאמור פון "והשיב לב אבות על בנים".

און זאגן אזוי ווי יעדערער פון זיי האט א נפש השני׳ בישראל איז חלק אלוקה ממעל וואס דאס איז לשון הכתוב, און דער אלטער רבי איז מוסיף אז דאס איז ממש (חלק אלוקה ממעל), און דער אויבערשטער האט זיי געגעבן בכח אז אע"פ וואס לכאו' אויפן עבר איז קיין מענטש קיין בעה"ב ניט,

בשעת אבער זיי וועלן מיט זיך פראווען "בהעלותך את הנרות" אנצינדן און לייכטן זייער נר ה' נשמת האדם, האבן זיי בכח "וזה מעשה המנורה" איבערמאכן זייער גאנצע איינשטעלונג - מיט זייער גאנצער גוף ונשמה אז דאס זאל זיין א נייע מנורה, אן אנדער נח"ר פאר אבינו שבשמים.

און בשעת מ'זאגט דאס באך דערויף ווי מ'פארשטייט דאס אליין, און ניט נאר מ'פארשטייט דאס אליין נאר מ'האט אין דערויף א געפיל, ניט ער חזר'ט איבער וואס ער האט געהערט פון א צווייטן אדער געזען אין א ספר און ער חזר'ט דאס איבער "מעשה קוף בעלמא", נאר דער קינד דערפילט אז ער מיינט דאס מיט אן אמת און ער זאגט דאס מיט א געפיל דברים היוצאים מן הלב, וואס לכאו' האט ער די טענה אז וואס דארף ער זיך מאטערן דערפילן און פארשטיין און זיך מתבונן זיין, בשעת ס'איז דא דער כלל הידוע וואס דער רמב"ם ברייגנט עם אויכעט אראפ בפירושו (אין פיה"מ שלו אין הקדמה פון אבות) קבל את האמת ממי שאמרו,

ער גיט איבער ווערטער וואס שטייט אין א ספר, איז ער מכניס בזה און מוציא בזה, ס'איז אין עם אינגאנצן ניט ניכר אז ער האט גערעדט וועגן דעם ענין וואראום פונקט ווי ס'איז געווען דער מכניס האט זיך דאס פון דער צווייטער זייט ארויסגעגאסן.

די טובה וואס ער טוט אויף אז ער זעט אז ס'זאל זיך אריינגיסן אין א אידישן קינד, אבער ער זאל עפעס טאן אין דערויף בנוגע צו זיך, לכאו' וואס איז דאס נוגע צו דעם ענין, וויבאלד אז דאס איז דברי אמת און תורת אמת געזאגט געווארן דורך חז"ל (חכמינו ז"ל) וואס זיי זיינען געווען אנשי אמת?!

זאגט מען א כלל, און ווי דער ר"ת ברייגנט דאס אז דברים היוצאים מן הלב איז אט דעמאלט נכנסים אל הלב.

לכאו' למאי נפק"מ, אויב די דברים זיינען גוטע ווערטער און זיי קומען פון א גדול בישראל, און פון תורה אליין, איז וואס איז דא נוגע דעם לב המדבר צי דאס איז יוצאים מן הלב צי דאס איז יוצאים מערניט ווי מן השפה ולחוץ?

זאגט מען - אז די מציאות איז אבער, אז מ'וויל אז דאס זאל פועל זיין און ס'זאל נכנס זיין אל הלב איז אט דעמאלט דארף דאס ביי עם זיין יוצאים מן הלב! און ניט מן השפה ולחוץ ח"ו.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס איז געזאגט געווארן אפי׳ ווען מ׳רעדט מיט אן ערוואקסענעם, עאכו"כ אז מ׳רעדט מיט א קינד, וואס א קינד אפי׳ ער פארשטייט דאס ניט בשכל דערפילט ער דאס צי מ׳רעדט מיט עם פון יוצא וועגן אדער מ׳רעדט מיט עם דברים היוצאים מן הפה, און פון אלע חמשה מוצאות הפה, אדער מ׳רעדט מיט עם אין א אופן אז דאס איז יוצאים מן הלב!

און אז ער דערפילט אז דאס איז יוצאים מן הלב, און מ׳מיינט דאס טאקע און מיט אן אמת און מיט א חיות, איז אט דעמאלט איז ביי א קינד מערער נאך נכנסים אל הלב, מצד תמימות פון א קינד און מצד דערויף ווי לשון הגמ׳ הבל שאין בו חטא.

וואס דאס איז די הוראה כללית וואס מ׳האט דאס אין פרשה בהעלותך.

און ויהי רצון כמדובר אז פון די אלע דברים זאל ארויס טאקע בנוגע למעשה בפועל, במעשה בפועל בכלל, און בעיקר בנוגע צו בנים ובנות, און בפרט כמדובר לעיל וכמה פעמים, אז דורך דערויף איז דערלייכטערט די וועג אז מ׳זאל קענען פועל זיין אויף אבות ואמהות, ווי מ׳זעט דאס אויכעט בפשטות און מעשה רב בכל יום.

און ויהי"ר, אז מ׳זאל טאן באופן כזה, ובפועל, וכל המקדים הרי"ז משובח וכל המרבה הרי"ז משובח און כל הזריז הרי"ז משובח.

און מ׳זאל אויכעט זוכה זיין צו זען פרי טוב בעמלו, מתחיל פון אני הקטן מיר וואלט דאס אויך געקומען צוניץ ווען איך זע דעם פרי טוב בעמלו, און דערנאך זאל דאס נתפשט ווערן ביז אז מ׳זאל אויפשטעלן צבאות ישראל, אנהויבנדיק פון בן חודש ומעלה, און באכמער ווי רש"י ברייגנגט אראפ אז "למוד שבט זה להיות נמנה מן הבטן",

ארויסנעמען אלע נשמות פון גוף און מקום הנקרא גוף וואס דעמאלט קומט גלייך משיח צדקנו, און גייט מיט אט די אלע נשמות בגופים לארצנו הקדושה על כנפי נשרים, און בעגלא דידן.

* * *

ג. וואס אין פרשה בהעלותך גופא קומט דאס בקביעות ש.ז. אין יום השלישי שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים און טוב לבריות.

וואס דערפון איז דאך אויכעט פארשטאנדיק בפשטות בנוגע להוראה בפועל, ובפרט אז מ׳האט שוין אין דערויף גערעדט כמ"פ אין די ההוועדויות הקודמות, ווי אזוי מ׳קען דאס פארבינדן און מ׳דארף דאס פארבינדן מיט מעשה בפועל בכל הענינים האמורים, כולל אנהויבנדיק פון די מבצעים הידועים פון מבצע פון אהבת ישראל און מבצע חינוך און מבצע תורה און מבצע תפילין און מבצע מזוזה און מבצע צדקה און בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, און דער מבצע פון נרות שבת קודש און מבצע פון כשרות האכו"ש און מבצע פון טהרת המשפחה, און דער ביטול פון הוק האומלל פון מיהו יהודי, און ר"ל דער מבצע פון מבטל זיין און שורש זיין מעיקרו ובאופן פון הפרה מעיקרו ביז אז לא ישאר שום רושם כלל פון אנרירן אין שלימות ארצנו הקדושה, ארץ אשר תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה, ובמקום שעיניו של הקב"ה איז שם הוא נמצא, דערפאר וואס הוא והשגחתו אחד, איז דערפון פארשטאנדיק אז מ׳רירט אן ר"ל אין שלימות ארצנו הקדושה, רירט מען אן כביכול אין שלימות עיני ה׳, פון השגחת ה׳.

פונקט ווי כמדובר לעיל בארוכה, בנוגע צו מבצע פון אהבת ישראל אז מקרא מלא דיבר הכתוב אז "הנוגע בהם" איז "כנוגע בבבת עינו" כביכול פון דעם אדם העליון - פון דעם אויבערשטן אליין.



הנחה פרטית בלתי מוגה

בפרט נאך ע"פ המבואר אין מאמרים פון אהבת ישראל אין ספר המצוות פון צ"צ, און ווי צוזאמענגעקליבן אין קונטרס אהבת ישראל, אנהויבנדיק פון מקרא מלא דיבר הכתוב, און וואס ר"ע האט געזאגט און וואס דערנאך דער רמב"ם פסק'נט וכו' וכו'.

איז אויכעט דא ווי דאס קומט דערנאך אראפ, פונקט אזוי אז מ'רירט אן א קוץ אחד אין שלימות התורה ביז אפילו אז ער זאגט אז דער קוץ און דער מאמר חז"ל איז בתקפה, נאר וואדען לא משה אמרו - איז אט דאס אליין נעמט עם ארויס פון דעם גאנצן עיקר! ווי דער פס"ד הרמב"ם.

עד"ז איז פארשטאנדיק אז דער וואס ס'טוט בזדון בנוגע צו שלימות התורה, עד"ז בנוגע צו שלימות ישראל, עד"ז בנוגע צו שלימות הארץ.

וואס אמת טאקע, ידוע וואס דער ראב"ד פרעגט אויפן רמב"ם, ווי אזוי שרייבט ער אזא מין זאך בשעת ס'איז דא גדולים וטובים וואס האבן געזאגט באופן אחר, נאר ר"ל מ'קען אויף זיי ניט זאגן אזא מין זאך, און מ'איז דאס מסביר אז זיי האבן נאך ניט געוואוסט ווי אזוי דאס ווערט נתבאר אין תורה, אדער זיי האבן געוואוסט אבער זיי האבן געהאט אן אנדער סארט הסברה אדער אן אנדער סארט הבנה והשגה בהלכה זו, אבער ניט ח"ו ר"ל זאגן אויף א ענין שבתורה אז דאס איז א דבר טוב אבער דעת עצמו און ניט וואס משה קיבל מסיני, איז דאס איז דער חילוק: אז דעמאלט קען דאס זיין בדרך טעות, וואס ער רעכנט אז דאס איז דעת תורה עכ"פ בדעות.

אז דאס ווערט דערנאך אבער די הסברה ביז א פס"ד ברור אין שו"ע וכו' איז אט דעמאלט האט דאס אט די אלע ענינים.

ובנוגע לפועל כמדובר לעיל, ר"ל אנרירן א אידן וואס הנוגע בהם איז כנוגע בבת עינו, איז בשעת ער קען עם ארויסהעלפן ע"י אהבת ישראל און ער העלפט עם ניט ארויס אט דעמאלט איז פונקט ווי מ'זאגט אין אופן שכנגד אז "מי שבא עבירה לידו און ער האט איר ניט עובר געווען איז דאס מעלה כאילו עשה מצוה, דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק אין צווייטן קצה.

אז מ'האט א מצוה, ובפרט נאך אז בהשגח"פ האט ער זיך דערוואוסט וועגן א צווייטן אידן (א צווייטן קינד) אז ער קען זיי ארויסהעלפן, איז דאס נוגע אין שלימות עם בני ישראל, וואס יש ששים רבוא אותיות לתורה- אז ס'פעלט אן אות אין תורה פעלט דאס אין שלימות כל התורה כולה, פון די אלע אותיות וואס בלייבן גאנץ אין תורה, פעלט אין יעדערער פון זיי דורך דערויף וואס ס'פעלט איין אות אין תורה.

ביז וואנעט ווי ער זאגט אין תורה אז ס'האט געפעלט א וא"ו אין טוסעת שסע, האט דאס אויפגעמאכט א גאנצן שטורעם כמסופר ומבואר בארוכה אין דעם סיפור אין זהר וואס איז אויכעט א הוראה.

ובפרט נאך אז דאס איז א חלק אין זהר וואס מ'זאגט דאס אלס א הקדמה צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן וואס מ'זאגט דאס על השתטחות על קברי צדיקים וואס דערפאר איז דאס ארייגעשטעלט אין "מענה לשון".

וואס עד"ז בנוגע לדבר טוב ולעניננו:

צו פועל זיין אויף יעדער אידן וויבאלד אז דאס איז "טוב לשמים" און "טוב לבריות" אנהויבנדיק פון די ענינים כלליים וואס מ'האט זיי פריער אויסגערעכנט, און דערנאך מעצמו מובן אז דאס דארף אראפקומען אין פרטים און פרטי פרטים, ביז אין א דיקדוק קל של דברי סופרים ביז אין "מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש", דארף מען ווסן אז דאס איז ניתן למשה מסיני, און מ'דארף דאס צוברייגען צו א צווייטן אידן וועגן וועלכן ער ווייס און פועל זיין ביי עם אז ער זאל זיך אויכעט פירן



הנחה פרטית בלתי מוגה

לויט דעם ענין שניתן למשה מסיני אע"פ וואס בגלוי איז דאס ארויסגעקומען ע"י תלמיד ותיק.

וואס דאס איז די כללות ההוראה בנוגע צו יום השלישי שהוכפל בו כי טוב בכלל, און כאמור ומבואר ומדובר אויכעט לעיל בנוגע ווי אזוי מ'קען דאס מסביר זיין צו קטנים וקטנות אז זיי זאלן דאס קענען נוצן אין זייער פעולה, אין "והשיב לב אבות ע"י בנים".

און אויכעט אין דער נקודה וואס מ'האט שוין אויכעט לעיל גערעדט דערפון מער בארוכה, אז ביום השלישי איז דא וואס מ'זאגט אז "הוכפל בו כי טוב" איז דאס ווי דאס שטייט אין תורה, און ווי דער אויבערשטער האט געזען אז "וירא אלקים כי טוב",

וואס האט זיך אבער געזען בעיני בשר אין וועלט ביום השלישי? האט זיך געזען בסיום היום והותם היום דער "תדשא הארץ דשא עשב מזריע זרע עץ פרי עושה פרי",

וואס דאס איז געווען לאחרי וואס ס'איז דורכגעגאנגען א משך זמן פון בריאת העולם איז נאך אלץ ניט געווען קיין קינדער - קיין הולדה.

ווען איז געווען די ערשטע הולדה - איז דאס געווען ביום השלישי, וואס דעמאלט איז געווארן "תדשא הארץ דשא" און אויכעט "עץ" און "עץ עושה פרי",

וואס דאס איז ווי דאס איז עולם הצומח, עד"ז ובדוגמת זה קומט דאס דערנאך ארויס אין עולם החי און אין עולם המדבר.

דערפון אויכעט מובן בנוגע אין חיי האדם וואס יעדער מענטש ובפרט נאך א איד ווערט אנגערופן אן "עולם קטן", איז ביי עם אויכעט דא אט די אלע חלקים וואס זיינען דא אין וועלט, כמבואר במדרשי חז"ל, האט ער אין זיך דעם ענין פון דומם און דעם ענין פון צומח, דעם ענין פון חי, און דעם ענין פון מדבר.

פונקט אזוי ווי ער האט דאס אין כללות גופו, אזוי האט ער דאס אין כללות ימי חייו.

וואס ס'איז דא בימי חיי האדם די תקופה הראשונה, אט דעמאלט איז ער בדוגמא ווי א דומם, ער קען זיך ניט מנענע זיין ממקום למקום, וואס דאס איז תכונת החי, עאכו"כ אז קודם שהתחיל לדבר, ביי עם האט זיך נאך אפי' ניט אנגעהויבן די תקופת הצמיחה דאס איז רגע ראשונה שיצא לאויר העולם, ער שטייט אין א מעמד ומצב פון א דומם.

אפי' אז ס'הויבט זיך אן די צמיחה, איז דא די צמיחה אין אזא מין אופן וואס די איז נאך ניט צמיחה כדבעי, בל' הכתוב "עץ עושה פרי" אדער "עשב מזריע זרע", איז דאס נאך ניט דער ענין פון יום השלישי, וואס דעמאלט איז ניט נאר "תדשא הארץ דשא", נאר דער דשא איז אין א אופן פון "עשב מזריע זרע", און דער עץ איז אין א אופן פון "עושה פרי למינו", אט דעמאלט איז דאס אמיתית ענין הצומח.

דערנאך אז ער ווערט עלטער בגשמיות, קומט אויכעט ארויס די עלטערקייט די גדלות אויכעט בכללות הענין, אז ער איז שוין אין א אופן פון א חי ער איז שוין מנענע והולך ממקום למקום בכוחות עצמו, ביז אז ער קומט צו דעם אופן פון מדבר.

וואס דא קומט די הדגשה והוראה במיוחד בנוגע צו קינדער, וואס בערך צו זייערע אבות ואמהות זיינען זיי דאך אין א אופן פון "עשב" אדער "עץ עושה פרי" און די עלטערן דארפן אין זיי אריינגעבן דעם אמת'ן חיות און דערנאך אויך דעם אמת'ן שכל ווי דאס איז אין מדבר ע"י חינוך המתאים, אדער שוין קודם לזה, דארפן

זיי און טוען דאס און גיבן ארויין די מציאות אז דער קינד ווערט אן עשב מזריע זרע ועץ עושה פרי.

וואס דאס איז דאך בכללות, אוידער מ'פארבינדט עס אין א ענין פון הם חיינו ואורך ימינו, ביז ער דערפילט אז דאס איז חיינו ואורך ימינו, וואס בכללות הויבט זיך-דאס אן לאחרי וואס ותורתך בתוך מעי - און אז ער טוט א מצוה וואס דאס איז חיינו ואורך ימינו, ווערט דאס לימוד התורה מה"ת, און קיום המצוות מה"ת, וואס דאס איז לאחרי בר מצוה און לאחרי בת מצוה.

איז דעמאלט איז די תקופה וואס ער איז א חי בשלימות.

לפנ"ז איז דאס נאך טאקע מקצת חי מקצת מדבר, דאס איז אבער אלץ א הכנה צו חי בשלימות, און דערנאך צו מדבר בשלימות.

ביז מדבר בשלימות, בן עשרים שנה, ווי ער איז מבאר אין לקו"ת במדבר וואס דעמאלט איז למכור בנכסי אביו.

וואס דאס איז אויכעט בנוגע בפשטות און אין דעם מבצע פון "והשיב לב אבות על בנים", איז דער יום השלישי מדגיש נאכמער, און מ'קומט צוגיין צו קינדער און מ'דערציילט זיי אז איר זאלט וויסן זיין אז היינט איז יום השלישי, און יום השלישי האט דער אויבערשטער באשאפן נאך פאר דערויף שמים וארץ וכל צבאיהם, ס'איז אבער אלץ געווען אין אזא מין מעמד ומצב ווי דער אויבערשטער האט זיי באשאפן,

דערנאך האט דער אויבערשטער אין זיי ארייננגעגעבן אט דעם כח און דער כח זאל שטיין בגלוי ובפועל, אז ס'האט אנגעהויבן ארויסשפראצן און ארויסוואקסן "עשב מזריע זרע" און אן "עץ עושה פרי".

און אט דאס זיינט איר ביי דעם גאנצן אידישן פאלק!

וואס דער גאנצער אידישער פאלק קוקט אויף אייך, און העלפט אייך און טוט התלוי בו, אז יעדערער פון אייך זאל זיין אן עשב מזריע זרע און אן עץ עושה פרי.

אזוי ווי אבער איר זייט דאך קינדער פון עם חכם ונבון, דארפט איר טאן אין דערויף, און בפרט אז בנינו ערבים אותנו, מ'קומט ערשט פון מתן תורתינו, און דינסטאג איז דאס יום השלישי - פון עשב מזריע זרע, וואס דאס איז פארבונדן מיט ויהי ביום השלישי בהיות הבקר, אז בירחא תליתאי ביומא תליתאי ירחא תליתאי אוריאן תליתאי און עמא תליתאי, און אט דארפט איר טאן און באווייזן אז איר זייט די ריכטיקע ערבים, און אז איר קומט צוגיין - ביט איר לייגט דאס אפ אויף שפעטער - גלייך דינסטאג, און דערציילט דעם פאטער מיט די מוטער אז דאס איז א טאג וואס תורת אמת שטרייכט נאכאמאל אונטער ווי אזוי דער אויבערשטער האט אויפגעטאן א דבר חדש ביום השלישי, אז די ערד האט ארויסגעגעבן אירע קינדער! דעם עשב און דעם עץ עושה פרי.

און דערנאך זאגט תורת אמת, אז יעדער איד און דער גאנצער אידישער פאלק ווערט אנגערופן ארץ חפץ.

וואס אט די ארץ חפץ דארף אויך ארויסגעבן אירע עשב מזריע זרע און אירע עץ פרי עושה פרי למינהו, וואס אט דאס איז יעדער אידישער קינד, ווי ער וואקסט אויס פון דעם ארץ וואס איז ארץ חפץ, וואס דער אויבערשטער זאגט אז דאס איז דער פאלט פון וועלכן ער וויל און אין וועלכן ער האט תענוג, און מיט וועלכן ער האט זיך פארבונדן, ווי מ'האט ערשט געזאגט אין חג השבועות אז דעמאלט האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן "והייתם לי סגולה מכל העמים" - האט ער זיי אויסגעקליבן "בחרתנו מכל העמים".

און האט דאס פארבונדן מיט די הנהגה און מיט די מעשים און די פעולות פון בנינו עורבים אותנו, וואס אזוי איז דאס בכל דור ודור ובכל שנה ושנה.

ובשנה זו איז דאס אט **דער** אינגעלע און אט **די** מיידעלע מיט וועמען ער רעדט, און רעדט מיט זיי אין אזא מין אופן כאמור, אז ס'ווערט "לאמר", דערנאך הויבט אן דער אינגעלע און די מיידעלע ריידן בכח עצמם, עולה מאלי', און רעדט אזוי מיטן פאטער און מיט די מוטער, און ס'איז א זיכערע זאך אז ס'טוט זיך אויף דער והשיב לב אבות ע"י בנים.

וכמדובר, דאס איז בכל ימי השנה זמנו הוא, דאס איז נאך ביתר שאת וביתר עז אין די ענינים און אין די טעג וואס זיי זיינען פארבונדן מיט מ"ת, וויבאלד אז בנינו עורבים בעדינו,

און במיוחד אין ימי התשלומין און דעם יום פון חותם התשלומין פון זמן מתן תורתינו - י"ב סיון, איז דאך דאס ביתר שאת וביתר עז וביתר הצלחה, אז מ'וועט דאס אויסנוצן בתכלית השלימות.

און אין די מקומות וואס איז אי אפשרי בלאו הכי איז עכ"פ ביום השלשה עשר בסיון, וואס לדעת כמה אחרונים איז דאס אויכעט אין כלל פון ימי תשלומין פון זמן מתן תורתינו אע"פ וואס בנוגע להלכה בפועל בנוגע צו אמירת תחנון ברייננגט אראפ דער אלטער רבי (כמדובר לעיל) בסידורו אז דאס איז ביז י"ב סיון ועד בכלל.

וכמדובר לעיל - המעשה הוא העיקר:

אזוי ווי מ'האט נאך א מספר שעות ביז דעם סיום והותם פון י"ב סיון ועד בכלל, וואס ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אפילו אין א סידור וואס דאס איז תשלומין פון חגה"ש, אז מ'זאל דאס אויסנוצן ובמעשה בפועל בכלל און בנוגע צו בנים און בנות במיוחד, דורך דערויף וואס מ'וועט זיי צוזאמענקלייבן נאכאמאל אע"פ וואס מ'האט דאס געטאן כמה פעמים, קומט דאס ניט צו דערויף וואס מ'קען אויפטאן דורך טאן נאכאמאל, כמדובר לעיל, אז דורך בהעלותך את הנרות ווערט זה מעשה המנורה מחדש.

אטון ווי אויכעט פארשטאנדיק פון דעם פס"ד בפועל, אז די גמ' זאגט אז בנוגע צו כמה ענינים אפי' מאה פעמים, איז דאך אין ענין יוצא מידי פשוטו בפרט נאך אז דאס איז א דבר הלכה, אז נאך דערויף ווי ער האט דאס געטאן 99 מאל בפשטות, איבערגעציילט 99, איז אעפ"כ האט ער דעם ציווי אז ס'זאל זיין 100'סטן מאל.

און מ'זאגט אז דעם ערשטן מאל אז ס'דארף זיין ווי אין דעם 100'סטן מאל אז ס'דארף זיין אזוי, שטייט דאס אין דעם זעלבן פסוק אין די זעלבע ווערטער [וואס דאס איז אויכעט ע"פ הלכה בנוגע צו שעטנ"ז, אז ס'שטייט אין דעם זעלבן ווארט באווייזט דאס אז דאס איז א דבר אחד].

וואס דאס קומט נאך ניט וואס לפנים משורת הדין דארף זיין דוקא מאה פעמים ואחד, און דוקא דעמאלט הייסט ער עובד אלקים בפועל, אבער עכ"פ און בשעת ער איז נאך ניט געקומען צו 99 עאכו"כ צו 100, זאגט מען אז דער ציווי אין דעם מאל איז דאס מיטן זעלבן תוקף, ווארום דאס נעמט זיך פון דעם זעלבן מאמר הז"ל און דעם זעלבן פסוק אין תורה פון וואנעט ס'נעמט זיך און מיוסד דער ערשטער מאל טאן.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק, אז פונקט ווי מ'קומט דאס טאן דעם ערשטן מאל, טוט מען דאך דאס מיט א חיות ווי מיט כל דבר הדש, איז אזוי זאגט תורת חיים אז ס'קען זיין דער זעלבער חיות אפי' ווען ער טוט דאס בפעם המאה און ס'הייבט אפ מערביט ווי אן עס,



הרתה פרחלת הלחל חביה

וכמדובר לעיל, וויסנדיק, אז דאס איז די תשלומין און די לעצטע שעה פון די תשלומין פון שנה זו, דארף דאך זיין דער חטוף ואכול חטוף ושתי, און טאן אין דערויף וואָרום דאס איז בכי הילולא דמיא - דאס איז ערשט א המשך פון דער חתונה, פון די הילולא וואס איז געווען צווישן הקב"ה און אידן, בשעת מ"ת ("ביום חתונתו - זה מ"ת") און דאס איז די תשלומין שלזה, און די שבע ימי הברכות דערפון וחוהמן, וואס איז כולל הכל הולך אחר החיתום.

וכמדובר, דאס איז דאך אלץ בדברים, דאס מיינט מען בפועל, אז מ׳זאל אויסנוצן ביט רעכענענדיק וויפל טירחא אדער מרץ אדער זמן מ׳האט אויף דערויף אפגעגעבן בימים שעברו - אויסנוצן די שעות וואס זיינען נאך דא בשנה זו אין די ימי התשלומין, אויף צוזאמענקלייבן אידישע אינגעלאך און אידישע מיידעלאך און מיט א גאנצן שטורעם ווי אזוי קינדער האבן דאס ליב, און זיי אליין ארייננציען אין דעם שטורעם.

און דאס וועט דורכשטורעמען די לעצטע רגעים פון גלות, און וועט ברייננגען מיט א שטורעם משיח צדקנו, צוזאמען מיט קוב"ה ושכינתי׳, בדוגמא ווי ס׳איז געווען "וירד ה׳ על ה"ס" בימי מ"ת בפעם הראשונה, וואס אזוי איז נזכרים ונעשים בכל שנה ושנה, אין די טעג, איז דאך דאס געווען דעם לאר אויכעט, אז וירד ה׳ על ה"ס מיט די גאנצע פמליא שלמעלה, מיט די אלע מרכבה שלמעלה מיט כל הענינים שלמעלה.

האט מען אין דערויף די ימי תשלומין ביז י"ב סיון ועד בכלל, ולדעת כמה גדולי תורה און חכמי תורה און מנהיגי תורה אויכעט דער יום שלושה עשר בו,

וכאמור, מיט א שטורעם, פארברענגען די לעצטע שריים פון דעם גלות, און מיט א שטורעם ארייננברייננגען משיח׳ן, און מיט א שטורעם גיין מיט עם צוזאמען אין א אופן פון "קהל גדול", און מיט א אופן פון "שמחת עולם על ראשם", און אע"פ וואס דאס איז "בשובה ונחת תוושעון" - איז צוזאמען דערמיט איז דאס מיט א שטורעם גדול, וואָרום די גאנצע וועלט שטייט מיט א שטורעם בשעת מ"ת, ווי דערציילט אין מאמרי הז"ל, און דערנאך הזר׳ט זיך דאס איבער מידי שנה בשנה.

וואס מצד אט דעם שטורעם איז "תפל עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן", ניט נאר ס׳וועט ניט זיין קיין שטער, נאר אדרבה - א סיוע, און א סיוע גדול, ובל׳ הכתוב, אז מ׳וועט העלפן אידן און מ׳וועט ברייננגען זיי כמנחה אין א כלי טהור לארצנו הקדושה בקרוב ממש, וואָרום מ׳האט בבנינו ובבנותינו, און מיט די הדגשה אז דאס איז בנינו ובנותינו, ס׳איז ניטא קיין חילוק צווישן זייער אמונה פשוטה מיט די אמונה ווי דאס איז ביי די עלטערן, כאטש זיי שטייען אין הוויות העולם א משך זמן, און ס׳איז ניטא אויך קיין חילוק אין די ענינים ווי מ׳איז דורכגעגנומען מיט תורה ומצוות ביי די עלטערן וואס כל ימיהם איז געווען כדבעי, כל ישראל בהזקת כשרות, במילא האבן זיי געלערנט א ריבוי עצום אין תורה, און מקיים געווען "מלאים מצוות כרימון", און נאכמערער מקיים געווען א ריבוי עצום אין מצוות.

און ביי די קינדער איז נאך פאר בר מצוה און פאר בת מצוה, קומען צוגליין אלע צוזאמען ביז וואנעט אז מ׳זאגט "גדול" לשון יחיד, און קהל (ניט קהילות, נאר קהל) לשון יחיד, אז זיי גייען אלע צוזאמען כאיש אחד בלב אחד ווי ס׳איז געווען בשעת מ"ת בפעם הראשונה.

אט אזוי איז אויכעט אראבנו נפלאות, אין דעם לעצטן גלות און די לעצטע טעג פון גלות, כימי צאתך מאמ"צ, אז נאך זייענדיק אין מצרים איז שוין געווען הי׳ אור במושבותם, און בטלה עבודה מאבותינו נאך ברי"ה שלפני זה, און דערנאך האט מען זיך אלץ געבעטן ביי אידן וכו׳, ביז וואנעט אז בחצי הלילה איז אויפגעשטאנען און נאכגעלאפן און געזוכט משה רבינו און האט זיך געבעטן ביי אידן גיילט שוין ארויס



הנחה פרטית בלתי מוגה

פון גלות, און גייט צוזאמען וינצלו את מצרים, מיט אלע כסף וזהב ושמלות, מיט אלע ניצוצי קדושה, און אין ענין יוצא מידי פשוטו - כספם וזהבם אתם.

אין א אופן כאמור, צוזאמען מיט טובה ונחת תושעון, איז לפנ"ז איז דאס אן אופן פון אחישנה, צוזאמען מיט דעם ענין פון "בעתה", וואס כלו כל הקיצין,

און יעדער איד און אלע אידן און די קינדער בראשם, דורך די פעולה נוספת מיט די קינדער פאר בר מצוה און בת מצוה כמדובר לעיל בארוכה,

קומט דאס אראפ בפועל למטה מעשרה טפחים, בעגלא דידן ממש, ובגאולה האמיתית והשלימה ממש,

במהרה בימינו גייען מקבל זיין פני משיח צדקנו.

* * *

ד. וואס כל האמור והמדובר לעיל איז דאס בנוגע צו די וואס האבן געטאן בשלימות די ימים שעברו.

ס׳איז דא מסתמא - אמת טאקע א מיעוטא דמיעוטא און א אנוס וכיו"ב איז דאך אויכעט דארף מען עכ"פ דערמאנען עם און זאגן עם און געפינען עפעס פאר עם, העלפט דער אויבערשטער און דער אלטער רבי האט דאך אנגעזאגט אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט - מיט דער שיעור חומש וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג.

איז דער שיעור חומש פון יום השלישי שהוכפל בו כי טוב פון פ׳ בהעלותך רעדט זיך די פרשה פון פסח שני.

וואס זיי האבן געזאגט אז זיי זיינען געווען אנוסים, און ס׳איז געווען לכמה דיעות נושאי ארונות אדער נושאים פון נדב ואביהוא וכיו"ב, איז דאך גאר אנוס ע"פ הגבורה - א ענין פון א מצוה, און א מצוה הכי גדולה,

אבער אעפ"כ וואס לערנט מען דערפון אפ על כל הדורות כולם, ובל׳ פון נשיא דורינו פון רבין דער שווער "אז ס׳איז ניטא קיין פארפאלן".

אז די וואס זיינען אנוס ע"פ הגבורה איז מאי קמ"ל - נאר אפילו אט דער - כל׳ הידוע - ווייל ס׳איז שוין געדרוקט וואס טמא און אפי׳ דרך רחוקה און אפי׳ אז ס׳איז לכם - לרצונכם, איז ניטא קיין פארפאלן און ער טוט אויף די ענינים ביז וואנעט אז דאס פארענטפערט אויף די שאלה "למה נגרע" - אז ס׳איז טאקע ניט געווען קיין "נגרע".

און דערפאר איז דאך אויכעט דער לשון אויף פסח שני - איז דער לשון אז דאס איז "תשלומין".

וואס "תשלומין" כאמור, איז ניט נאר דער טייטש אז מ׳איז ממלא החסר, נאר אויכעט תשלומין האט אין זיך אויך דער אפטייטש פון שלימות.

און אמת טאקע - חמץ מיטן פסח עסן צוזאמען טאר מען ניט אין פ"ש אויך ניט, אין דער פעולה זיינע ארייננעמען זיין חמץ און זיין ישות מיט זיין גאוה מיט זיין מציאות איז בפ"ש טאר מען דאס אויך ניט.

אבער ער האט אויפגעטאן עד כדי כך, ובפרט אז ער גייט ארוב און שרייט, עכ"פ בקולא דלא אשתמע, למה נגרע - איז אט דעמאלט טוט ער אויף אז חמץ ופסח עמו בבית, און דאס איז בית - א אידישע הויז וואס פראוועט פ"ש, און אין דער הויז געפינט זיך חמץ וואס ניט עם טוט ער אויכעט ניט נאר כל מעשיך לש"ש נאר אויכעט בכל

דרכיך דעהו, ער מאכט אין דעם חמץ אין דעם טאג פון פ"ש אין זיין אידישע הויז וואס דארט איז ושכנתי בתוכם, מאכט ער אויכעט א ענין פון "דעהו". וואס בפסח ראשון איז ניטא אזא מין יכולת ביי אידן, משא"כ בפ"ש.

און אט דאס איז אויכעט - מ'רעדט דאך אלץ וועגן ענינים פון פועל, און פארבונדן מיט ענינים וואס ס'האט זיך גערעדט בקשר מיט זמן מתן תורתינו ימי תשלומין, אנהויבנדיק פון והשיב לב אבות על בנים.

איז די זעלבע זאך, קען מען דאס מסביר זיין און מ'דארף דאס מסביר זיין סיי צו די קינדער און סיי צו זייערע עלטערן, אז אויב מאיזה סיבה שתהי' זיינען זיי געווען אין א דרך רחוקה - ס'האט צו זיי ניט דערגרייכט אט דער שטורעם פון זמן מתן תורתינו, און דער שטורעם פון תורה ומצוותי', און דער שטורעם פון דער בשורה טובה אז "הנה קול מבשר מבשר ואומר", אז אט זה בא אט קומט משיח צדקנו, זיינען זיי געווען בדרך רחוקה -

זאלן זיי וויסן זיין, אז ח"ו אז "נגרע" - און זיי כאפן ארייין.- אזוי זאגט בורת אמת - אז ס'איז ניטא קיין פארפאלן, ואדרבה: זיי קענען נאך מיטנעמען ניט מיטן פסח אבער בביהו אויך די ענינים פון חמץ, ווארום אין די לעצטע טעג פון גלות איז ניטא קיין צייט אויף אפלייגן אויף שפעטער, און ניטא קיין צייט אויף אריכות העבודה, אז פריער מאכן פון דעם חמץ - ביטול, און דערנאך מאכן פון דעם ביטול - מצה, און דערנאך טאן די אלע ענינים וואס מ'דארף טאן אין מצה,

- נאר ווי ער איז חמץ, איז בשעתא חדא וברגעא חדא, ווערט ער נתהפך צו א צדיק גמור!

וואס דאס איז דאך פון די ענינים וואס דער אלטער רבי הויבט אן זיין ספר תניא קדישא, גלייך אויפן ערשטן עמוד אין דעם ספר, איז שוין דא געבראכט אט דער ענין.

וואס ס'איז דאך ניט געווען קיין הכרח - דער אלטער רבי ווען ער פרעגט דאס מסברא, און זאגט אז אזוי שטילט אין חז"ל (ווי ער טוט דאס בנוגע צו כמה ענינים) וואלט מען אויכעט געוואוסט ווען ער ברענגט ניט דעם לשון, און זאגט נאר אז דאס איז אין א אופן אז דורך תשובה ווערט ער אויס די מציאות ההפכית.

ברענגט ער אראפ דעם ענין, און ברענגט אראפ דוקא די גירסא צדיק גמור כמדובר כמ"פ בארוכה בזה.

וכאמור, דאס איז דער ערשטער עמוד אין דעם ערשטן פרק פון דעם ספר התניא וואס דאס איז תושב"כ, כידוע דער פתגם פון רבותינו נשיאינו בזה. וכאמור, מ'רעדט דאך בנוגע לנדון דידן, אז דאס דארף מען אויכעט מסביר זיין די קינדער, אז אויב אפילו זיי רעכענען אז זיי האבן געקענט טאן מערער אין דערויף אין די ענינים, און מאיזה סיבה שתהי' האבן זיי ניט דערטאן, אדער בנוגע אז זיי האבן געטאן און האבן נאך ניט גע'פועל'ט אינגאנצן וואס מ'דארף פועל זיין, און וואס מ'קען פועל זיין בא דעם טאטן אדער בא דער מאמע'ן.

זאגט מען עם, אז ערשט אין דער שיעור אין תורה וואס דאס איז די תורה וואס דו האסט איר גע'רש'נט, שטילט דארט און אין דעם טאג לערנט מען לויט די תקנה פון גדולי ישראל און נשיאי ישראל, אט דעס אין דעם סיפור, און מ'זאגט אז דאס איז א סיפור אין תורה - אן אנווייזונג, צוזאמען מיט א נתינת כח, אז דו קענסט דאס איצטער פאריכטן, און ניט נאר פאריכטן און ממלא זיין נאר אויך "תשלומין" - דו קענסט דאס משלים זיין אין א אופן פון "שלימות".

- ס'איז ניטא קיין פארפאלן! דאס רעדט זיך וועגן א אידישן קינד, און וועגן אידישע עלטערן, און וועגן די אידישקייט פון אידישע תורה, און וועגן דעם אידישן אויבערשטן וואס דורך אלקי ישראל ווערט ער מלך העולם כמבואר און - בפשטות.

און וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין פארפאלן, קענסט דאס אויפטאן מיט דעם גאנצן שטורם און מיט די גאנצע שלימות, פונקט ווי דו וואלסט געטאן אין דערויף יעדער רגע פון די אלע טעג שלפנ"ז.

און דורך דערויף וועט זיך אויכעט אויפטאן אט די אלע ענינים וואס דארפן זיך אויפטאן אויכעט בשלימות.

און ס'הייבגט אפ נאר אן דעם קליינעם אינגעלע, און דער קליינע מיידעלע אז זיי זאלן אויסנוצן אט די רגעים, און אט די שעות וואס איז נאך געבליבן באופן המתאים, דורך דערויף וואס די מדריכים און מדריכות אדער די מורים ומורות אדער משפיעים ומשפיעות וועלן זיי דאס אנווייזן אין א אופן פון "דברים היוצאים מן הלב" - וועט דאס זיכער אריין אין א לב תמים פון א אידישן קינד.

און זיכער וועט דאס דערנאך פועל זיין ביי עם פעולות בתמימות, און ער וועט ריידן אזוי מיט וועמען ער דארף ריידן און מיט וועמען ער קען ריידן אנהויבנדיק פון "לב אבות".

און צוזאמען פון "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם" ברייבגט מען אראפ דעם יום הגדול והנורא אין א אופן פון טוב הנראה והנגלה, און דער הנורא איז מערניט ווי יראת הבושה ביראת הכבוד, דאס קומט אבער צוזאמען ווי רשב"י זאגט אז "אנן בחביבותא תליא מילתא" ווארום אהבתי אתכם אמר ה', און וויבאלד אז אהבה אמיתית ווי דער מגיד איז דאס מסביר אז דער נאהב פארשטייט דאס און פילט דאס לויט זיין פארשטאנד און לויט זיינע כלים אויכעט,

וועט דאס זיין אין א אהבה נגלית לעיני בשר, וואס ברייבגט צו טוב הנראה והנגלה, און מתוך שמחה וטוב לבב ושמחת עולם על ראשם.

און אלע צוזאמען ארויסגיין צוזאמען מקבל זיין פני משיח צדקנו, והם הכירוהו תהילה, בפרט נאך אז מ'וועט מיט זיי נאך טאן, און מ'וועט טאן כדבעי למיעבד אין דעם טאג פון תשלומין פון זמן מתן תורתינו - בי"ב בסיון, און דארט וואו דאס איז ניט מספיק - אויכעט בשלשה עשר בסיון, האט מען די הבטחה פון יגעת ומצאת,

וכמדובר כמ"פ ביז אין א אופן פון א מציאה, שלא בערך מערער ווי די מדת היגיעה,

און ס'וועט אראפ בפועל ביז מ'וועט דאס זען בעיני בשר, אז אלע גייען ארויס לקבל פני משיח צדקנו, בעגלא דידן.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א אמר: אפשר זאגן דעם האדרת והאמונה וואס מ'האט אויפגעטאן אין צרפת, ס'איז דאך דא פראנצויזן, - וואו איז דער כהן? ער איז דא דער כהן?! ער איז אוועקגעגאנגען שלאפן? ברכת כהנים איז דאך ניטא ביינאכט - אמרו לכ"ק אד"ש שהוא מתרגם, אמר: איז דוקא איצטער דארף ער דאס איבערזעצן? אמרו לכ"ק אד"ש שזה בשע"מ בהתוועדות, אמר: נו, זאל ער זינגען פון דארטן, נו. אמרו באנגלית עוה"פ שהוא מתרגם, ואמר: באט הי איז היר (אבל הוא כאן)? מאנסיער פאשטערעט איסי? אילטראדואי איסי או אן פראנס?]

צוה לנגן עוצו עצה, הושיעה את עמך.

* * *

ה. כאמור ומדובר שוין כמ"פ בנוגע צו צוזאמענקלייבן קינדער במשך פון מארגנדיקער טאג, עכ"פ ביום שלשה עשר בסיון, וואס דאס איז אויך לדעת כמה גדולי ישראל וחכמי ישראל פון די ימי התשלומין, און אין אה"ק זאל נוסף על זה אויכעט זיין ביים כותל המערבי, וואס מעולם לא זזה שכינה פון כותל המערבי, און אויכעט אין מערת המכפלה, און אויכעט ביי קבורת רחל,

וואס ווי ער זאגט אין זהר איז רחל ניט נאר מעורר און מעודד אידן ווען זיי גייען אין גלות און ווען זיי זיינען אין גלות, נאר ווי דער לשון שטייט אין פסוק "עד היום הזה" איז ער מוסיף אין זהר "ממש", אז היום הזה ממש מיינט מען דאס דעם טאג וואס רחל גייט צוזאמען מיט שכינתא און מיט בנ"י וואס געפינען זיך בגלותא ביז דעמאלט, איז דאס דער טאג וואס מ'גייט ארויס פון גלות איז דאס אויכעט היום הזה ממש, פון קבר רחל און זי גייט מיט צוזאמען פונקט ווי פריער און פאר דערויף איז זי געווען די וואס האט מעודד געווען און האט געגעבן כח אז מ'זאל קענען דורכטראגן די ענינו הגלות כמבואר במדרשי חז"ל.

וואס דערפאר איז אויכעט נוסף אויף די מקומות - איז אויכעט אין דעם ארט וואו ס'איז רחל אמנו.

ובכל מקום ומקום סיי אינגעלאך און סיי מיידעלאך, כמובן בנפרד, און זיכער וועט דאס זיין מיט א רשיון און מיט א שמירה, און דער עיקר שמירה וואס לא ינום ולא יישן שומר ישראל, במכ"ש וק"ו: מה-דאך בנוגע צו ערוואקסענע עאכו"כ צו די וואס הבל וואס ביי זיי איז דער הבל טאין בו חטא.

און דאס וועט נאכמער מוסיף זיין ווי מ'זאגט אז הבל שאין בו חטא, אויף דערויף האלט זיך דער וועלט כפשוטה, דאס איז אויכעט כולל כל העולמות כולם, וואס זיי הייגגען זיך אפ אן דעם עמידת העולם און קיום העולם הזה התחתון כמובן דערפון וואס אלץ הייגגט אפ אן תומ"צ, און תומ"צ דוקא אין דער וועלט,

וואס דאס איז דאך אויכעט פארבונדן אז די תהלוכות און דער ביקור און דער אמירת עניני תפלה און עניני תורה און נתינת צדקה, זאל זיין ביי די אלע כינוסים פון צדיקים וואס יעדער קינד איז דאך א צדיק, ווי די גמ' זאגט אז "אין בו חטא", וואס דאס איז דער ענין פון א צדיק!

און א צדיק ניט נאר אלס שם התואר, מצד רובו, נאר דאס איז מדריגת צדיק אמיתי אז אין בו חטא.

צו מחשבה האט ער נאך קיין שייכות ניט ע"פ תורה, איז ניט נוגע וואס דארטן טוט זיך, וואס איז ביי עם נוגע - מעשה ודבורו, און וואס פאר א מעשה ודיבור ער זאל ניט טאן איז דארט ניט שייכות קיין היפך הרצון, בשעת ער איז א קליין קינד פארשאפט ער דעם אויבערשטן א מורא'דיקן תענוג ווי דער מגיד איז דאס מסביר בארוכה.

ביז ווי מ'זאגט "ודגלו עלי אהבה אי"ה ודגלו אלא ודלוגו" זאגט ער אויף דערויף אין ילקוט און אין מדרש אז וואס היסט דלוגו - אז תנוקות וואס מ'לערנט מיט זיי עניניה פון תורה וואס דארט איז געשריבן אזכרות - שם הקדוש, און דערנאך קינדער געפינען זיך טאנצן זיי, און זיינען דערביי מיט זייער דילוג ניט נזהר מצד קינדערשאפט אין דעם כבוד פון די אזכרות הכתובות אויף דער בייר אדער אויף דעם קלף, איז ניט נאר דאס ווערט ניט פארעכנט ח"ו פאר א ענין בלתי רצוי, נאר דוקא א ענין רצוי - זאגט דער אויבערשטער נאכמערער: אז ודלוגו איז דאס **עלי** און דאס איז א ענין של אהבה.

וכאמור, המעשה הוא העיקר, וואס דאס איז אויכעט דא ביי קטנים וקטנות כמדובר לעיל בארוכה.

און דעם מאל מיינט מען דאס לא לדרשא קאתינא, נאר בנוגע צו די פעולות האמורות, און יעדערער וואס וועט מוסיף זיין בזה סיי בכמות און סיי באיכות און וועט מוסיף זיין בשמחה שבדבר, און וועט מוסיף זיין אין דעם שטורעם שבדבר וואס דאס איז דאך א שטורעם של תורה ושל יהדות אורייתא הוא דקא מרתחא לי', מיט קירוב הלבבות ובדרכי נועם ובדרכי שלום, וואס דאס איז דאך דברים פשוטים ומאי קמ"ל אז מ'דארף דאס גארניט באווארנען.

וכמדובר כמ"פ, אז זעלבסטפארשטענדלעך מיט דעם ענין פון נתינת צדקה בפועל ובמעשה וואס מעשה קטן וקטנה איז דאס א מעשה גמור.

און צוזאמען וועט ברייגגען בקרוב דעם זמן וואס די הלכה איז דעמאלט אז מעשה גדול, דורך דעם מעשה גדול וואס דער אויבערשטער וועט טאן בעגלא דידן, במהרה בימינו ממש, דעם אתם תלוקטו אחד אחד בית ישראל, און ווי רש"י ברייגגט דאס אראפ אז דער אויבערשטער נעמט יעדער אידן פארן האנט און גייט מיט עם צוזאמען, ניט פאר עם און ניט נאך עם נאר מיט עם צוזאמען ארויס פון דעם גלות, וכאמור לעיל, ביום הזה ממש, האט מען רחל אמנו צוזאמען מיט אלע אבות און מיט אלע אמהות, און משה ואהרן עמהם, און מ'גייט לארצנו הקדושה אין שלימות הארץ צוזאמען מיט שלימות עמנו ובני ישראל, צוזאמען מיט שלימות התורה,

ביז צו די שלימות האמיתית וואס איז עצמות ומהות אליין, און ברגע אחד ובשעתא חדא וברגעא חדא ממש, לויט דעם פארשטאנד און לויט א זייגער (אין רגעא חדא) פון א בן אדם וואס געפינט זיך דא למטה,

און אין א אופן פון ופרצת.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ופרצת. צוה לנגן שמח"ת ניגון.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

התחיל לנגן כי בשמחה תצאו, וחזר להיכלו הק'.

* * *

## שיחה להתלמידים ולהתלמידות שיחיו

## – בביהכנ"ס, אחרי תפלת מנחה –

## יום ד' פ' בהעלותך, י"ג סיון ה'תש"מ

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1].]

ב. מיר האבן זיך צוזאמענגעקליבן לכבוד און אלס המשך (אלס פארזעצונג) צו זמן מתן תורתנו.

וואס פון דעם צווייטן טאג פון חג השבועות, זמן מתן תורתנו, ביז היינט, האט מען געהאט זיבן טעג, וואס אין די זיבן טעג איז דאך געווען יעדער טאג פון וואך[2], סיי א זונטיק סיי א מאנטיק וכו', ביז — א שבת,

וואס יעדערער פון די טעג איז דאך אנדערש פון די אנדערע טעג[3], ווי יעדער קינד און יעדער ערוואקסענער פארשטייט פון זיך אליין, אז ער האט זאכן וואס זיינען ביי אים פארבונדן מיט שבת, און זאכן וואס זיינען ביי אים פארבונדן מיט ערב שבת אדער מיט מארגן נאך שבת, און אזוי אויך בנוגע צו די איבעריקע טעג פון דער וואך.

און וויבאלד אז דאס זיינען די ערשטע זיבן טעג נאך זמן מתן תורתנו, וואס תורה איז דאך די הויפט־זאך פון יעדן אידן'ס לעבן, „הם חיינו ואורך ימינו" — איז פארשטאנדיק, אז מ'פרואווט אויס די זיבן טעג (און די הנהגה פון א אידן אין די טעג) ווי אזוי שטייען זיי — אין צוזאמענהאנג מיט דער הויפט־זאך פון יעדן אידן'ס לעבן, מיט דער תורה, ד.ה. — ווי האט ער געלערנט תורה און מקיים געווען וואס אין איר איז געשריבן, אין יעדער טאג פון דער וואך.

און וויבאלד אז מ'האט געזען אז אין יעדער טאג פון דער וואך זינט זמן מתן תורתנו — איז מען געווען פארבונדן מיט תורה, און געטאן וואס עס הענגט אפ אן זיך אויף מקיים זיין וואס עס שטייט אין תורה —

גיט דאס די זיכערקייט, אז אזוי וועט מען זיך אויפפירן אין די אלע וואכן וואס קומען דערנאך[4], אין דעם יאר, און אויך אין די יארן וואס קומען נאך דעם.

ג. דאס וואס מ'איז פארבונדן מיט תורה במשך פון אלע זיבן טעג פון דער וואך זינט זמן מתן תורתנו, דערמאנט נאכאמאל אז דאס וואס מיר האבן די תורה איצטער, איז דערפאר וואס „בנינו עורבים אותנו", דערפאר וואס דעם ערשטן מאל ווען דער אויבערשטער האט אונז געגעבן די תורה, זיינען די אידישע קינדער געווען די ערבים (די גאראנטארס) דערצו[5].

---

1) נדפסו בחוברת „י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, תשל"ו).

2) ראה שו"ת הרשב"א ח"א ס"ס.

3) שהרי „כל יומא ויומא עביד עבידתי'" — זח"ג צד, ב (וראה לקו"ש חי"ב ע' 100 הע' 38). וראה זח"א רסד, ב: מלמד שכל יום ויום יש לו כחו.

4) ועיד מ"ש בכתבי האריז"ל (שער הכוונות דרושי ר"ה (לפני דרוש א'). סידור האריז"ל (עש"ת). מ"ח מס' ימי תשובה פ"א מ"ג) בנוגע לד' הימים שבין ר"ה ליוהכ"פ, שביום הראשון בשבוע שבימים אלו מתקנים ומעלים את ימי ראשון דכל השנה, ועד"ז ביום ב' וכו'.

5) שהש"ר פ"א, ד.

און אזוי אויך יעדן יאר גיט דער אויבערשטער, מיט א באנייטער לעבעדיקייט און ליכטיקייט, די תורה פון־דאס־ניי — דערפאר וואס די קינדער אין דעם יאר נעמען זיך אויף זיך, מיט דער הילף פון זייערע עלטערן און מדריכים ומדריכות, אז זיי וועלן לערנען תורה און מקיים זיין מצוות ווי תורה פאר־לאנגט פון זיי.

וואס דאס דערמאנט נאכאמאל די עלטערן, און יעדער אידן, ווי אזוי זיי דארפן זיין דאנקבאר יעדן אידישן קינד, ווארום דורך זיין ערבות האבן זיי, צוזא־מען מיטן גאנצן אידישן פאלק, בא־קומען די תורה.

דאס דערמאנט אויך יעדן אידישן קינד, סיי אן אינגעלע און סיי א מיי־דעלע, דעם גרויסן זכות און די גרויסע אחריות, צוזאמען מיט די גרעסטע כחות און ברכות, וואס זיי האבן פון דעם אויבערשטן, אויף דערפילן זייער ערבות אין דעם בעסטן אופן,

ביז אז דורך זיי זאל צוקומען אויך ביי זייערע עלטערן און בא די אידן ארום זיי — אין דער פארבונדנקייט מיט תורה און מצוות.

ד. און וויסנדיק דאס, אז די ערפילונג פון תורה ומצוות ביי אלע אידן יעדן טאג פון וואך הענגט אפ אין דערויף וואס זיי (די קינדער) ערפילן תורה ומצוות יעדן טאג פון וואך, ווי זיי האבן דאס באוויזן טאן אין די זיבן טעג זינט זמן מתן תורתנו, כנ״ל (וואס דער לעצטער פון די זיבן טעג איז היינט),

צוזאמען מיט דעם דאנק וואס יעדער אידיש קינד האט פון דעם גאנצן אידישן פאלק, פאר זיין תורה־אויפפירונג —

גיט דאס די קינדער נאכמער לעבעדיקייט און נאכמער שטארקייט און נאכמער ליכטיקייט אויף אנהאלטן דעם לערנען תורה און מקיים זיין זייערע מצוות א גאנצן יאר.

ובפרט אז זיי נעמען גלייך מיט צוגאב כחות פון די לעצטע זיבן טעג — אויף די זאכן וואס קומען נאך דעם,

וואס דורך דעם אלעם איז ער ממלא (ערפילט ער) די ערבות וואס ער האט געגעבן, וואס דורך דעם האבן מיר די תורה איצטער, און אויף אלע זאכן, און אויף אלע יארן, עד סוף כל הדורות.

• • •

ה. איינע פון די זאכן וואס תורה לערנט אונז איז — אז מ׳דארף גע־דיינקען וועגן איר יעדן טאג און א גאנצן טאג.

וואס דערפאר ווען מ׳פרעגט א אידן, א קליינעם אדער אן ערוואקסענעם, וואס פאר א טאג דאס איז — דערמאנט ער זיך גלייך ווי דער טאג איז פאר־בונדן מיט לערנען תורה און מיט קריאת התורה (וואס מ׳לייענט אין שול יעדע וואך, מאנטיק, דאנערשטיק און שבת).

עד״ז ווען עס קומט היינטיקער טאג און מ׳גיט א פרעג א אידן וואס פאר א טאג דאס איז — דערמאנט ער זיך גלייך אז דאס איז א טאג פון פ׳ בהעלותך, ד.ה. ווען מ׳לייענט אין דער תורה די סדרה בהעלותך.

ו. דער תוכן וועגן וואס עס רעדט זיך אין פ׳ בהעלותך, „ליגט״ אין איר נאמען — „בהעלותך״ (און די גאנצע סדרה ווערט אנגערופן „בהעלותך״):

„בהעלותך״ איז די מצוה וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט, דורך משה, צו אהרן הכהן. „בהעלותך את הנרות״ — אז אהרן הכהן זאל יעדן טאג אנצינדן די ליכטלעך אין דער מנורה

וואס איז געשטאנען אין משכן (בית המקדש),

און אנצינדן זיי אזוי אז זיי זאלן לייכטן „תמיד״[6], אז זיי זאלן לייכטן שטענדיק, דורך דערויף וואס ער צינדט זיי אן אין אן אופן „שתהא שלהבת עולה מאלי׳״[7], אז דערנאך לייכטן שוין די ליכטלעך פון זיך אליין.

ז. אין דערויף איז זיכער[8] דא אן אנווייזונג פאר יעדן אידן, אין זיין טאג טעגליכער אויפפירונג — אפילו אז ער איז ניט א כהן, אפילו אז ער געפינט זיך ניט אין ירושלים און אפילו אין דער צייט וואס דער ביהמ״ק איז ניט קיים.

די ערקלערונג אין דעם:

יעדער איד איז א „כהן״, ווארום יעדער איד האט באקומען די תורה, און באם באקומען די תורה האט דער אויבערשטער צוגעזאגט יעדער אידן אז יעדערער פון זיי איז פון „ממלכת כהנים״[9], פון א פאלק וואס אלע זיינען כהנים.

וואס דערפאר איז בא יעדער אידן דא דער ענין פון „בהעלותך את הנרות״, בדוגמא ווי דאס איז געווען בא אהרן הכהן.

דער אונטערשייד (צווישן דעם „בהעלותך את הנרות״ פון אהרן הכהן און דעם „בהעלותך את הנרות״ פון יעדן אידן) באשטייט אין דעם, אז אין דעם משכן (אין מדבר) האט דאס געדארפט טאן אהרן הכהן אדער זיינע זין, און אזוי דערנאך אין דעם ביהמ״ק אין ירושלים,

ויש לומר — וויבאלד אז דאס איז די כללות׳דיקע מנורה ומשכן (און ביהמ״ק) פון דעם גאנצן אידישן פאלק, דארף מען האבן דעם כללות׳דיקן כהן פון דעם גאנצן „ממלכת כהנים״, וואס דאס זיינען געווען אהרן און זיינע קינדער:

משא״כ אין יעדער אידישער הויז, וואס אויף איר זאגט דער אויבערשטער[10] „ושכנתי בתוכם״, אז ער וועט דארטן רוהען, שוכן זיין, מאכן דערפון זיינעם א משכן און מקדש — דארפן דאס טאן די אידן וואס לעבן אין דער הויז, וואס יעדערער פון זיי געהערט צום „ממלכת כהנים״, און איז בדוגמא צו דעם כהן וואס אים איז אנפארטרויט געווארן דער אנצינדן די מנורה אין דעם כללות׳דיקן ביהמ״ק פון דעם גאנצן אידישן פאלק.

ח. דער „בהעלותך את הנרות״ וואס יעדער איד דארף טאן בא זיך אין הויז — איז בדוגמא ווי די מצוה פון „בהעלותך את הנרות״ וואס אהרן הכהן האט געטאן אין משכן:

יעדער איד דארף אנצינדן „נרות״ אז עס זאל זיין ליכטיק ביי אים אין הויז אין אלע ווינקלער, און אז עס זאל זיין ליכטיק „תמיד״, דעם גאנצן טאג און די גאנצע נאכט.

וואס דאס טוט ער דורך דערויף וואס ער „צינדט אן (מאכט לייכטן) זיבן ליכטלעך״, וואס זיי זיינען א סימן ודוגמא, באווייזן (אויך) אויף אלע פארשידענע פירונגען וועלכע זיינען דא אין

6) תצוה כז, כ.

7) שבת כא, א. פרש״י עה״פ. פרש״י ריש פרשתנו.

8) כיון שהתורה (לשון הוראה) היא נצחית וכולה ניתנה לכל אחד ואחת מישראל (גם בפ״ע), שלכן מברך ברכת התורה על כל ענין שבתורה, איזה שיהי׳.

9) יתרו יט, ו.

10) תרומה כה, ח. וראה ר״ח שער האהבה פ״ו קרוב לתחלתו. של״ה סט, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב. ובכ״מ.

אן אידישער הויז, ווי דער אלטער רבי ערקלערט דאס בפרטיות[11].

און דורך דערויף וואס יעדערער צינדט אן בא זיך אין הויז אלע זיבן ליכטלעך, און ער מאכט ליכטיק יעדער טאג, אויך אין חו״ל און אפילו אין חושך הגלות — היילט ער אויך צו די גאולה פון דעם חושך הגלות.

ט. די זיבן ליכטלעך וואס מ׳האט אנגעצונדן אין ביהמ״ק, און וואס יעדער איד צינדט אן בא זיך אין הויז, האט (נאך) א ספעציעלע פארבינדונג[12] מיט דער גאולה און ארויסגיין פון גלות:

ישעי׳ הנביא, דער נביא וואס האט אנגעזאגט אז עס קומט משיח צדקנו[13], „ויצא חוטר מגזע ישי גו׳״[14] — זאגט אז דעמולט (ווען משיח וועט קומען) וועט זיין „והניף ידו על הנהר . . והכהו לשבעה נחלים״[15] — אידן וועלן קומען פון פארשידענע לענדער דורך זיבן פארשידענע וועגן, וואס יעדערער פון זיי פירט קיין ארץ ישראל,

און אלע וועלן זיך צוזאמענטרעפן אין ירושלים וואו זיי וועלן זען דעם בית המקדש.

וואס די צוגרייטונג דערצו איז — דורך דערויף וואס יעדערער צינדט אן בא זיך אין הויז אלע זיבן נרות (ע״ד די זיבן נרות אין ביהמ״ק), וואס זיי באווייזן און נעמען ארום אלע פארשידענע פירונגען אין א אידישע הויז, כנ״ל.

יוד. וויבאלד אז קינדער זיינען די ערבים פאר קבלת התורה פון אלע אידן, דורך דעם וואס זיי לערנען תורה און ערפילן אירע מצוות — איז פארשטאנדיק, אז זיי האבן אויך (ואדרבא) די מצוה פון מאכן ליכטיק אין דער הויז וואו זיי געפינען זיך און וואו זיי לעבן,

אז עס זאל זיין ליכטיק אין אלע ווינקלעך, דורך דערויף וואס זיי זיינען מקיים א מצוה פון דעם אויבערשטן, וואס ער האט אנגעזאגט יעדערן וואס איז א טייל פון „ממלכת כהנים״,

און דער קינד מאכט דאס ליכטיק אין אן אופן אז עס זאל זיין ליכטיק א גאנצן טאג:

בשעת ער עסט און טרינקט — מאכט ער פריער (ולאחרי) א ברכה; בשעת און מיד ווי ער שטייט אויף פון שלאף — זאגט ער „מודה אני״, און איידער ער לייגט זיך שלאפן זאגט ער „שמע ישראל גו׳״ (קריאת־שמע), א.ז.וו.

און דורך דערויף וואס ער מאכט ליכטיק, און אין אלע פארשידענע וועגן וואס עס זיינען פאראן, כנ״ל — ערפילט ער (אויך) די ערבות וואס ער האט געגעבן בא מ״ת, וואס דורך איר האבן אלע אידן באקומען די תורה, ווי גערעדט פריער (ס״ג).

און דאס ווירקט אויך אז אין דער גאנצער הויז קומט צו נאך אידישע ליכטיקייט, אפילו אז עס טוען דאס (— דעם „בהעלותך את הנרות״) אויך זיין פאטער און מוטער, און די ברידער און שוועסטער.

יא. און יעדערער פון זיי, און ספעציעל די ערבים, די קינדער — היילן דורך דערויף צו, די צייט ווען עס וועט געבויט ווערן דער ביהמ״ק, און מיר אלע וועלן אהינצו קומען, דורך די

---

11) לקו״ת ריש פרשתנו.

12) ראה לקו״ת פרשתנו לא, ב.

13) ראה לקו״ש חי״ח ע׳ 343-4 ובהערות שם.

14) ישעי׳ יא, א.

15) שם, טו. וראה מפרשים (רש״י, רד״ק, מצו״ד) שם. וראה לקו״ת צו יז, ב ואילך. ש׳ האמונה פנ״ב. פנ״א.

פאַרשידענע זיבן וועגן, און זען[16] ווי אַזוי די כהנים, און בראשם אהרן כה״ג[17], צינדן אָן די מנורה אין ביהמ״ק,

און מ׳וועט זען ווי עס ווערט ליכטיק אין ביהמ״ק, און דורך דערויף — אין דער גאַנצער וועלט[18].

וואָס דער אָנהויבס דערצו, איז — וואָס יעדער אידיש קינד, נאָך פון גאָר קליין־ווייז־אויף, טוט אַלץ וואָס הענגט אָפּ אָן אים, צו מאַכן ליכטיק בא זיך אין הויז מיט אידישקייט, מיט מצוות.

און עס ווערט אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער, ביז די ליכטיקייט פון דער גאולה דורך משיח׳ן, וואָס ער וועט בויען דעם ביהמ״ק[19].

• • •

יב. עס איז אויך דאָ אַ הוראה, אַן אָפּלערנונג, פון דעם שיעור חומש וואָס איז פאַרבונדן מיט היינטיקן טאָג (יום ד׳ פ׳ בהעלותך)[20].

דאָרט[21] ווערט דערציילט אַז ווען אידן זיינען געגאַנגען אין מדבר זיינען זיי געגאַנגען — ניט אַליין, און זיי האָבן זיך אויסגעקליבן דעם וועג וואו צו גיין ניט אַליין — נאָר פאַר זיי איז געגאַנגען דער „ענן ה׳״[22], דעם אויבערשטנ׳ס וואָלקן, און אויך אַ לייכטענדער וואָלקן, וואָס האָט זיי באַוויזן און באַלויכטן די וועג, און נאָך דעם וואָלקן, און נאָך דעם לייכטענדן וואָלקן, זיינען זיי נאָכגעגאַנגען.

און וואָלקן׳ס פון השם האָבן זיי אויך באַשיצט פון די שווערקייטן און די ניט־גוטע זאַכן וואָס זיינען געווען אין מדבר, און זיי באַשיצט פון אַלע פיר זייטן און פון אויבן און פון אונטן[23], און האָבן זיי געפירט ביז זיי זיינען צוגעקומען צו ארץ ישראל, ארץ הקודש.

יג. דערפון האָט מען אויך אַן אָנווייזונג, און אַן אָפּלערנונג, און דאָס גיט זיכערקייט, אַז בשעת אידן געפינען זיך אין דעם „מדבר״ פון גלות, זאָלן זיי זיך ח״ו ניט פאַרלירן און ניט דערשרעקן,

וואָרום ס׳איז שוין פון פריער אָנגעזאָגט געוואָרן, און ספּעציעל[24] אין דער סדרה פון היינטיקער וואָך — אַז פאַר־אויס פאַר יעדער אידן, און פון אַלע פיר זייטן און פון אויבן און פון אונטן פון דעם אידן, גייען מיט אים דעם אויבערשטנ׳ס וואָלקן, און אויך אַ לייכטענדן וואָלקן, וואָס זיי ווייזן און מאַכן פאַר אים ליכטיק די וועג און באַשיצן אים (פון אַלע זייטן) פון די שווערקייטן און ניט־גוטע זאַכן וואָס קענען זיין אין דעם „מדבר״ פון גלות.

מ׳דאַרף נאָר אַז דער איד, אַ קליינער אָדער אַן ערוואַקסענער, זאָל וועלן נאָכגיין אין דעם וועג וואָס דער וואָלקן באַווייזט און באַלייכט אים —

16) וי״ל גם ראי׳ ממש, אע״פ שהמנורה מקומה בהיכל. ועפ״ז „עדות הִיא״ (שבת כב, ב) כפשוטה (שהרי עדות בעי ראי׳). ולכל באי עולם ע״י חלונות שקופים אטומים (מנחות פו, ב (ובפרש״י שם ד״ה שקופים)). וראה רמב״ם הל׳ ביאת מקדש פ״ט ה״ז. חגיגה כו, ב. ואכ״מ.

17) דהרי כשיבנה ביהמ״ק משה ואהרן יהא עמנו (תוד״ה אחד — פסחים קיד, ב. וראה יומא ה, ב).

18) ראה הערה 16.

19) רמב״ם הל׳ מלכים ספי״א.

20) כתורת אדה״ז (היום יום ע׳ קא. סה״ש תש״ב ע׳ 29 ואילך): מען בעדאַרף לעבן מיט דער צייט . . מיט דער פרשת השבוע און פרשת היום פון דער סדרה פון דער וואָך.

21) פרשתנו ט, יז ואילך.

22) ל׳ הכתוב — פרשתנו י, לד.

23) פרש״י עה״פ פרשתנו שם.

24) ראה ג״כ בשלח יג, כא.

וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז ער ווערט געשיצט פון אלע ניט־גוטע זאכן פון דעם מדבר.

און ס׳איז א זיכערע זאך אז מיט יעדער טאג ווערט ער אלץ נעענטער צום אריינגיין אין ארץ ישראל, צוזא־מען מיט משיח צדקנו.

יד. און דאס איז אויך פארבונדן מיט (דעם המשך וחותם פון היינטיקן שיעור חומש) „וביום שמחתכם ובמועדיכם גו׳ ותקעתם בחצוצרות״[25]:

יעדער טאג[26], ובפרט אין א טאג פון שמחה און א טאג פון יו״ט — ווי ס׳איז ערשט געווען דער יו״ט פון שבועות (און אזוי די ימים טובים וואס קומען דערנאך) — וואס פון זיי נעמט מען שמחה און יום־טוב־דיקייט אויף די אלע טעג וועלכע זיינען אין צווישן[27] —

נעמט מען מיט (אויך) פון „ותקעתם בחצוצרות״ — מ׳בלאזט א מארש, מיט א חצוצרה, וואס דורך דערויף נעמט מען אויף זיך דעם אויבערשטן אלס א מלך[28],

און דורך דערויף איז מען מנצח, און מ׳באזיגט אלע שוועריקייטן, אויך די שוועריקייטן וואס קומען פון דעם יצר[29] (וואס דאס איז אויך ענינה פון א חצוצרה).

טו. און מען איז זוכה, אז בקרוב ממש וועט דאס אלץ מקוים ווערן אין דעם כלל אופן, כנ״ל (ס״ז) — אז יעדערער פון אונז וועט דערזען דעם „שמחת עולם על ראשם״[30], און „וה׳ בראשם״[31], ווי אזוי דער אויבערשטער גייט פון פארנט פאר יעדער אידן, און גייט־מיט מיט יעדער אידן, און באשיצט אים פון די אלע שוועריקייטן פון דעם „מדבר״ פון גלות,

און ברענגט אים אין ארה״ק, „ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״[32].

און — ובפרט דורך דערויף וואס מ׳צינדט אן נרות אין זמן הגלות — זעט מען די נרות אין דער מנורה אין דעם ביהמ״ק, וועלכער וועט געבויט ווערן בגאולה האמיתית והשלימה, ע״י משיח צדקנו, וואס וועט קומען גאר אינגיכן.

און מ׳וועט מקיים זיין (אויך) כפשוטו „ותקעתם בחצוצרות גו׳ אני ה׳ אלקיכם״,

וואס מען נעמט אויף בשלימות מלכותו (בסא־שלם[33]) של הקב״ה, דעם אויבערשטן אלס א קעניג און אלס אן אנפירער,

במהרה בימינו ממש, גאר אינגיכן, צוזאמען מיט משיח צדקנו, אין ארץ הקודש, און דארטן — אין ירושלים עיר הקודש, און דארטן — אין דעם בית המקדש,

במהרה בימינו ממש.

---

25) פרשתנו שם, י.

26) ובפרט לדעת ר׳ נתן (ספרי עה״פ. וראה תודי״ה מקום שנהגו — רפ״ד בפסחים בשם הירוש׳) שבתמיד דכל יום תקעו בחצוצרות.

27) ראה לקו״ת ברכה צח, ב.

28) ראה ספרי עה״פ.

29) ראה אוה״ת בהעלותך ס״ע שע.

30) ישעי׳ לה, י. נא, יא.

31) מיכה ב, יג.

32) עקב יא, יב.

33) ראה תנחומא (ובאבער) ס״פ תצא. פסיקתא דר״כ ספ״ג. מדרש תהלים ט, ז. פסי״ר פי״ב, ט. פרש״י ס״פ בשלח.

ב"ה. שיחת יום א' פ' שלח, טו"ב סיון ה'תש"מ - להקאנווענשאן דנשי ובנות חב"ד.
הנחה פרטית בלתי מוגה

[מסתמא וועט מען זיך זעצן - וועט זיין באקוועמער צו הערן און מיר צו רעדן]

מ'האט זיך דאך צוזאמענגעקליבן צו דער געלעגנהייט וואס דאס איז די יערלעכע צוזאמענטרעפן-זיך פון נשי ובנות חב"ד, אלס תכלית אז דערנאך זאל דערפון ארויס א תועלת (א נוצן) פאר יעדער אידישע פרוי, און יעדע אידישע טאכטער, און אויך - דורך זיי צו זייערע מענער, און די זין און די ברידער -

ווי באוואוסט דער ווארט פון אונזערע רביים, אז א איד דארף זיך משתדל זיין, אז עס טרעפן זיך צוויי אידן - זאל ארויסקומען א טובה אויך פאר א דריטן,

און זיכער אזוי - אז עס טרעפן זיך צוזאמען מערערע - איז דאך א זיכערע זאך אז דערביי איז געמיינט די טובה, און די השתדלות אין דערויף אז עס זאל ארויס א טובה פאר יעדער אידן צו וועלכן מ'קען דערגרייכן.

וואס דאס איז דאך אין אלגעמיין, אפילו אז מ'טרעפט זיך ניט צוזאמען - איז דאך א כלל גדול בתורה (ווי ר"ע זאגט) ואהבת לרעך כמוך,

אז אין וואס פאר א צושטאנד, און בא וואס פאר א געלעגנהייט מ'זאל נאר זיין - דארף א איד אלעמאל געדיינקען אז ער איז אנגעזאגט געווארן פון דעם אויבערשטן אליין,

וואס האט געגעבן די תורה אין זמן מתן תורתנו צום ערשטן מאל, מיט יארן צוריק, דערנאך ווערט דאס באנייט מידי שנה בשנה (יעדער יאר) מיט א נייעם כח, און מיט א נייעם חיות, און מיט א נייער ברכה און סיוע (און הילף) פון דעם אויבערשטן,

און ער האט געזאגט אז אין דער תורה, וואס ער גיט יעדער אידן און אלע אידן, גלייך ווי א איד ווערט געבארן האט ער שוין תורת משה, "תורה צוה לנו משה" האט ער דאס אין אן אופן פון "מורשה", אז ער ירש'נט דאס פון דעם אויבערשטן אליין, און די גאנצע תורה - פון אנהויב ביזן סוף,

זאגט דער נותן התורה, דער אויבערשטער, א כלל גדול בתורה:

אין תורה איז דאך דא איינצלהייטן, דערנאך זיינען דא אזוינע איינצלהייטן וואס שליסן אין זיך איין מערערע פרטים, וואס זיי ווערן אנגערופן "כללי",

און אין כללים גופא איז דא סתם א כלל, אדער א קלייגער כלל, א כלל קטן,

ביז וואנעט אז ס'איז דא א "כלל גדול", א גרויסער כלל, וואס ער שליסט אין זיך איין גאר אסאך פרטים,

און דער "כלל גדול בתורה" איז דאס איז - דער אנזאג פון ואהבת לרעך כמוך.

און בפרט נאך ווי הלל הזקן האט געזאגט (ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אויך אראפ אין תניא) - איז דאס ניט סתם א כלל גדול בתורה, און ס'איז דא אפשר א פרט וואס ווערט ניט איינגעשלאסן אין דעם כלל -

איז דאס כלל התורה כולה - דאס נעמט אין זיך אריין אלע פרטים פון דער תורה.

זעלבסטפארשטענדלעך דארף מען די תורה מקיים זיין מיט אלע אירע פרטים, עס איז אבער דא אין תורה אז בשעת מ'איז מקיים איין זאך, איז דורך דערויף איז מען מקיים מערערע זאכן, און דאס ברענגט דערנאך צו מקיים זיין מערערע זאכן (כאטש אז עס קומט די צייט פון יעדער זאך באזונדער - דארף מען איר באזונדער ערפילן און מקיים זיין),

און אזא כלל בשעת א איד איז מקיים ואהבת לרעך כמוך - זאגט מען אז ער איז מקיים די גאנצע תורה אינגאנצן, מיט אלע אירע איינצלהייטן.

און אזוי ווי תורה איז מען אנגעזאגט אויף איר אויף יעדער מינוט פון דעם לעבן, ווארום היא חיינו, דאס איז אונזער לעבן, און אין לעבן איז דאך ניט שייך קיין הפסק ח"ו, קיין איבעררייס; דאס איז א שטענדיקע פאסירונג וואס גייט אן פון דעם ערשטן רגע וואס מ'ווערט געבארן, ביז 120 יאר,

אט אזוי איז אויך חיינו איז יעדער רגע פון לעבן פון א אידן דורכגענומען, און ווערט באלעבט מיט תורה.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז דער כלל אין תורה וואס נעמט ארום די גאנצע תורה - איז דאס אויך א כלל וואס נעמט דורך דעם לעבן פון יעדער אידן, פון דעם רגע וואס ער ווערט געבארן,

אפילו אז ער איז דאך ווי עס ווייזט זיך דאך אויס לכאורה אז דעמולט קען ער גארניט טאן, ער איז ערשט געבארן געווארן,

איז זעט מען אבער, און א מוטער פילט דאס, אז א פיצל קינד, גלייך ווי ער ווערט געבארן, אפילו אז זיין שכל איז נאך (ווי עס ווייזט אויס) ניט אנטוויקלט, און די געפילן זיינען ניט אנטוויקלט,

איז די ערשטע איינדרוקן, פון דעם ערשטן רגע אן האט אויף אים א ווירקונג אויף זיין גאנצן לעבן, און אין מאנכע הינזיכטן - נאך שטארקער ווירקונגען (ווי די פאסירונגען) וואס ער האט דערנאך ווען ער וואקסט אויס, און ווען ער ווערט בר-מצוה, אדער בת-מצוה -

איז דער ערשטער איינדרוק פון ערשיינען אין וועלט האט א דעצידירענדע (האט א באשלוס-מאכנדע) ווירקונג אויפן קינד,

און אז ער ווערט געבארן און ארום אים איז דאס דורכגענומען מיט אידישקייט, און דורכגענומען בפרט מיט דעם געפיל פון אהבת ישראל - מאכט דאס אויף אים דעם טיפסטן איינדרוק אויף במשך פון זיין גאנצן לעבן.

וואס אויב דאס איז אזוי ווען א איד איז פאר-זיך, אין א ווינקעלע - פארשטייט מען דאך אויף וויפל דאס איז שטארק און דאמינירענד און שלוס-פאסנד - בשעת אסאך אידן קלייבן זיך צוזאמען,

און מלכתחילה, גלייך פון אנהויבס אן, אט וואס עס זאל נאר זיין די פארמעלע "סיסמה" (די פארמעלע זאך) וועגן וועלכע מ'רעדט אדער וועגן וועלכע מ'דיסקוטירט, אדער מ'נעמט אן די באשלוסן -

זיינען זיי אלע באגרינדעט אויפן געפיל פון "ואהבת לרעך כמוך".

אין פראקטישן אופן: אז מ'זאל זען אז די באשלוסן זאלן זיין טוב להם וטוב לבריות, גוט פאר די וואס האבן אנגענומען די החלטות, און גוט פאר יעדער אידן, און אלע אידן, וואו נאר זיי געפינען זיך.

און זאל זיין אויך גוט - אין דער צייט ווען מ'באשליסט דאס, און מיטנעמען דערנאך אויך די גוטסקייט און די ליכטיקייט דערפון און די הייליקייט דערפון, וואס די אלע זאכן גייען דאך צוזאמען:

וואו געפינט זיך אמת'ע גוטסקייט - אט דארט וואו עס געפינט זיך אמת'ע

ליכטיקייט, און דארט וואו עס געפינט זיך די אמת'ע הייליקייט, ווארום דאס אלץ נעמט זיך פון דעם איין און איינציקן אויבערשטן, וואס ער האט אונז געגעבן תורה אחת, די איין און איינציקע תורה, און דורך דערויף האט ער אונז געמאכט פאר א גוי אחד בארץ, פאר אן איין און איינציקן פאלק אין דער גאנצער וועלט,

אז אפילו ווען מ'איז מפוזר ומפורד בין העמים, מ'געפינט זיך אין א גלות, פארשפרייט און צושפרייט צווישן פארשידענע פעלקער, איז פונדעסטוועגן איז דאס עם אחד - בלייבט דאס אן איינציקער און פאראייבציקטער פאלק,

און ניט נאר דאס איז אזוי אין שכל און געפיל, נאר - "ודתיהם שונות מכל עם": זייער אויפפירונג און זייערע פעולות און זייערע מעשים, און זייערע רייד, און זיכער זייערע מחשבות - זיינען גאר אנדערש פון יעדער פאלק, און פון אנדערע פעלקער,

דערפאר וואס זיי האבן דעם ספעציעלן פארבונד (דורך דער תורה) מיטן אויבערשטן,

וואס דאס ברענגט אויך פון ואהבת את ה' אלקיך, אז דער פארבונד מיט דעם אויבערשטן איז פארבונדן אויף די טיפע און אינעווייניקסטע און אייביקע אהבה וואס יעדער איד האט צו דעם אויבערשטן,

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "אהבתי אתכם אמר ה'", אז דער אויבערשטער זאגט אז ער האט ליב יעדער איד און אלע אידן, אלס איינצלנעם, און אלס גאנצן פאלק,

וואס די ביידע אהבות ברענגען אויך צו ואהבת לרעך כמוך - ווי געזאגט פריער אז דאס איז דער כלל וואס נעמט ארום כל התורה כולה.

וואס דערפאר איז אויך ספעציעל אין צוזאמענהאנג מיט דער קאנווענשאן, און מיט אלץ וואס עס האט זיך גערעדט, און די גוטע באשלוסן וואס מ'האט אנגענומען - איז זיכער אז דער גרונד דערצו, און זיי זיינען אלע באזירט - אז דערנאך זאל יעדערע און אלע צוזאמען טאן וואס הענגט אפ אן יעדערע און וואס הענגט אפ אן די ספעציעל אויסגעקליבענע דערצו -

אז דאס זאל דערגרייכן און דאס זאל איינווירקן אויף יעדער אידישע טאכטער און יעדע אידישע פרוי צו וועלכע מ'קען דערגרייכן,

וואס אין דערויף דארף מען גאר ניט זיין אויסגעקליבן אין א ספעציעלן "קאמיטעט" פון דעם קאנווענשאן, אדער א ספעציעלער "וועד", וואס זיי האבן נאך די התחייבות און דעם זכות נאך גרעסער -

אבער אייגענטליך איז דאס איז דער תפקיד און די שליחות פון יעדערע וואס האט זיך באטייליקט אין דער קאנווענשאן - אז מ'זאל מיטנעמען, און מיטברענגען יעדער באשלוס און אלע באשלוסן, (און אין א אופן פון שלום ומתוך אהבה) צו יעדע אידישע טאכטער, און צו יעדער אידישע פרוי, צו וועלכע מ'קען דערגרייכן,

און מסביר זיין (דערקלערן) זיי, בדרכי נועם, אויף אן אופן וואס זי וועט דאס פארשטיין, חנוך ע"פ דרכו, וועט דאס זיכער אויפגענומען ווערן אויך ווי עס דארף צו זיין, ווארום זיי זיינען דאך באגרינדעט (די באשלוסן) אויף תורתו הקדושה, אויף תורה-באטראכטונגען, און אויף תורה-אנווייזונגען,

איז א זיכערע זאך אז לבי ער, אז יעדער אידישע הארץ איז גרייט דאס אנצונעמען,

מ'דארף נאר זיי ברענגען און ערקלערן דאס אין פאסיקע ווערטער -- איז א זיכערע

זאך אז זיי וועלן דאס אננעמען, און נאכמערער - אז מ'וועט אויף זיי איינווירקן אז זיי וועלן אויך פארזעצן, און ווערן שלוחות, און ווערן אט די וואס וועלן דאס ברענגען צו נאך אידישע טעכטער, און צו נאך אידישע פרויען,

אויף אויך זיי ארייננעמען אין די וואס פון איצט-אן און ווייטער וועלן זיי מקיים זיין די החלטות, אין צוגאב צו די פריערדיקע גוטע החלטות, ביז אין צוגאב צו מקיים זיין יעדער מצוה און אלע מצוות,

און מקיים זיין זיי ווי מ'האט ערשט באקומען די תורה בשמחה ובפנימיות (מיט פריילעכקייט), און אזוי אז דאס זאל דורכנעמען דעם גאנצן מענטשן, ביז אין זיין פנימיות,

וואס דעמולט קומט דאס ארויס מיט א הצלחה רבה, און דאס קומט ארויס גאר שנעל, און דאס קומט ארויס אין דער פולסטער מאס.

ס'איז דאך אויך פארבונדן וואס מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן אין דער צייט וואס דאס איז גאר נאענט צו זמן מתן תורתנו,

וואס דעמולט איז דאך נאך דער חיות וואס איז דא נאכמערער שבועות-צייט לגבי די גאנצע טעג פון א גאנץ יאר, ווען מ'דערמאנט זיך וועגן תורה ומצוות און אידישקייט אין אלגעמיין,

און מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן אין א מקום קדוש, אין אן ארט וואו מ'דאוונט און אין אן ארט וואו מ'לערנט,

וואס דאס איז דאך אויך געווען ווי מ'זעט אין דעם פראגראם פון דעם קאנווענשאן איז דאך אויך געווען איינגעשלאסן אן ענין של תפלה, פון דאוונען,

און ענין של תורה, אויף גערענקען ענינים פון תורה,

און זיכער - אויב מ'האט ניט געטאן ביז איצטער - וועט מען אויך משלים זיין (דערגענצן) מיט דער דריטער זאך (און עמוד) אויף וועלכע די וועלט האלט זיך - דער ענין פון צדקה,

אז אין צוגאב דערצו וואס יעדערער זיכער גיט דאך צדקה בכל עת ובכל זמן (יעדער מאל, און בא יעדע געלעגנהייט) - זאל מען אויך געבן א הוספה, און אויב מ'קען דאס אויספירן (און מ'האט דאס ביז איצטער ניט געטאן) - נאך אין דעם טאג און אלס אפשלוס פון דער קאנווענשאן,

און דעמולט האט מען תורה וגמילות חסדים, אויף וועלכע (ווי די משנה זאגט) האלט זיך די גאנצע וועלט,

און ס'וועט אויך ארייינברענגען א צוגאב-ברכה אז עס זאל זיך האלטן די וועלט וואס איז באשאפן געווארן - דורך די באשלוסן פון דער קאנווענשאן,

וואס דאס איז דאך א באנייאונג אין וועלט, בשעת עס קומט צו א נייער באשלוס אין טאן אין תורה, און אין מצוות און אין אידישקייט אין אלגעמיין,

איז בשעת מ'פארבינדט דאס מיט די דריי עמודים, מיט די דריי זאכן אויף וועלכע די וועלט אין אלגעמיין האלט זיך, און אויף וועלכע "עולם קטן", יעדער איינצעלנער מענטש, האלט זיך.

וועט דאס צוברענגען אויך הצלחה אין דער באליקייט אין וועלט וואס איז געבראכט

געווארן דורך דער קאנווענשאן בכלל, און דורך אירע באשלוסן במיוחד.

און ס'איז דאך אויך פארבונדן מיט קריאת התורה, ווי דער אלטער רבי זאגט אז די תורה וואס מ'לייענט די וואך וואס עס האט זיך אנגעהויבן די קאנווענשאן די וואך וואס מ'ענדיקט די קאנווענשאן, די פרשת השבוע (די וועכענטליכע סדרה) האט מען דאך דארט א דירעקטע און א קלארע אנווייזונג אויף דעם ספעציעלן תפקיד און שליחות פון א אידישע פרוי און טאכטער,

ווי גערעדט כמ"פ בא פריערדיקע געלעגנהייטן, אז אין דער סדרה פון הייבטיקער וואך, פון דעם אפשלוס פון קאנווענשאן, ווערט דערציילט און געגעבן מיט פרטים, די מצוה פון חלה,

וואס דאס איז דאך איבערגעגעבן געווארן צו יעדער אידישע פרוי, אז זי זאל געבן חלה, און דאס זאל זיין "ראשית עריסותיכם", דאס זאל זיין דער אנהויבס פון יעדער עסן און טרינקען אין הויז -

זאל מען וויסן זיין אז צום אלעם ערשטן איז תרימו תרומה לה', גיט מען אפ א טייל צו דעם אויבערשטן, און ערשט דערנאך טראכט א איד ווי אזוי ער זאל הנאה האבן (נעמען) פון דער וועלט אט דאס וואס ער דארף האבן פאר זיין אויפהאלטן, און פאר דעם אויפהאלטן פון דער משפחה, פון די קינדער, און קינדס-קינדער,

וואס דורך דערויף וואס ער ווייס אז "ראשית", דער אנהויבס פון די אלע זאכן, טוט ער און גיט אפ צו דעם אויבערשטן - איז דערנאך ווערט די גאנצע שטוב, און ער אליין מיט אלץ וואס געפינט זיך אין שטוב, ווערט דאס אלץ דעם אויבערשטן'ס,

און דעמולט זאגט דער אויבערשטער ושכנתי בתוכם, אז ער רוט, ניט נאר ער געפינט זיך - נאר ער געפינט זיך דארט אין אן אופן ששוכנת ומתלבשת, פון רואיקייט, אין דעם הארצן פון יעדער אידן, אין דער הארצן און אינעווייניק אין יעדער אידישע הויז, און אזוי אויך אין דעם גאנצן אידישן פאלק וועלכער באשטייט פון אזוינע אידישע הייזער,

און אט די שליחות, און אט די מצוה, וועגן וועלכע עס רעדט זיך, און דאס הויבט אן די וואך, און שליסט אפ די קאנווענשאן - איז דאס איבערגעגעבן געווארן אויף ערפילן - צו נשי ובנות ישראל,

און ערפילן דאס מיט א ברכה, וואס מ'בענטשט דעם אויבערשטן, און מ'לויבט דעם אויבערשטן דערפאר,

און דאס ברענגט, ווי יחזקאל הנביא זאגט, להניח ברכה אל ביתיכם, אז דאס ברענגט ארייין א צוגאב פון ברכה אין דער אידישער הויז וואו מ'איז מקיים די מצוה, און זי ברענגט נאך זיך נאך פילע פילע מצוות,

וואס דאס אלץ איז געגעבן געווארן, ווי געזאגט פריער, אויף ערפילן בפועל - צו דער אידישער פרוי, און צו דער אידישער טאכטער.

אזוי אויך (עד"ז) די טעג וואס די קאנווענשאן האט זיך אנגעהויבן איז דאך געווען פרשת בהעלותך את הנרות, וואס מ'האט אנגעזאגט אהרן כהן גדול, אז ער, און די כהנים נאך אים, זאלן מאכן ליכטיק אין דעם אלגעמיינעם בית המקדש (און פאר דעם - אין משכן) - דורך אנצינדן דארט נרות פון מצוה,

און ווי גערעדט מערערע מאל (און דערמאנט אויך פריער) אז יעדער אידישע הויז איז דאס א משכן און מקדש פאר דעם אויבערשטן, וואס דער אויבערשטער זאגט אויף דערויף ושכנתי בתוכם, ער געפינט זיך אין יעדער אידישע הויז,

אויף מאכן ליכטיק אין יעדער אידישער הויז - איז פונקט אזוי ווי אין משכן און אין מקדש האט מען דאס איבערגעגעבן צו אהרן כה"ג און די כהנים נאך אים - אזוי האט מען דאס איבערגעגעבן אין יעדער אידישער הויז - צו דער אידישער פרוי, און דער אידישער טאכטער, אז זי זאל מאכן ליכטיק די הויז מיט נר מצוה ותורה אור,

וואס דאס איז בכללות אין אידישקייט הענגט דאך אפ די אויפפירונג פון דער הויז - פון עקרת הבית, וואס דאס איז די פרוי.

און ספעציעל, פונקט-אזוי ווי אין בית המקדש איז דאך געווען פילע פילע מצוות, וואס יעדערע פון זיי האט געמאכט ליכטיק די וועלט; צווישן די מצוות איז געווען א ספעציעלע מצוה, וואס זי האט געמאכט ליכטיק אין אזא ליכטיקייט וואס מ'זעט דאס אויך מיט פליישיקע אויגן (מיט עיני בשר), און דאס ווערט אויך געזען אפילו דורך א ניט-אידן,

עד"ז אין יעדער אידישער הויז דארף דאס יעדער פון די וואס געפינען זיך אין הויז טאן אין ענינים פון נר מצוה ותורה אור, אויף מאכן ליכטיק די הויז,

איז דא פון צווישן די מצוות - א מצוה וואס זי מאכט ליכטיק מיט א מצוה-ליכטיקייט, וואס זי מאכט אויך (צוזאמען דערמיט) ליכטיק אז מ'זעט דאס בעיני בשר, און דערזעט אויך אפילו א ניט-איד, ווען ער גייט דורך אין גאס און זעט דורכן פענסטער אז עס ברענען נרות שבת ונרות יו"ט - זעט ער אז דאס איז א ליכטיקייט וואס מאכט ליכטיק די הויז,

און דורכן פענסטער איז אורה יוצאה לכל העולם, גייט ארויס די ליכטיקייט אויך אין וועלט.

וואס דאס איז אויך די מצוה פון הדלקת נרות שבת ונרות יו"ט, וואס איז אפגעגעבן געווארן אז דאס זאל ערפילט ווערן (מקויים ווערן) דורך א אידישער פרוי, און אידישע טאכטער,

און דורך דערויף, ווי געזאגט פריער, מאכט מען ליכטיק די הויז ערב שבת, און דאס מאכט ליכטיק דערנאך דעם שבת, און "מיני' מתברכין כולהו יומין", פון שבת נעמט מען די ברכה אויף אלע טעג פון דער וואך -

איז פון וועמען הויבט זיך אן אט די ליכטיקייט - פון נשי ובנות ישראל.

און ווי דער מדרש פארבינדט דאס ביידע נרות צוזאמען, די נרות וואס א אידישע פרוי און טאכטער צינדט אן בא זיך אין הויז ערב שבת און ערב יו"ט, און מ'זאגט אז בשעת מ'איז אפגעהיט און מ'איז מקיים אט די מצוה, וועט מען אינגיכן באווייזן די נרות של ביהמ"ק, ווי אויך דערציילט אין ילקוט אין פרשה בהעלותך.

וואס דאס איז די צווייטע מצוה וואס מ'האט געגעבן במיוחד די וואס האבן זיך צוזאמענגעקליבן אויף די קאנווענשאן, און ווי דערמאנט פריער - אז דורך זיי זאל דאס אויך אנקומען צו יעדער אידישע פרוי, און יעדער אידישע טאכטער.

אזוי אויך בנוגע צו דער דריטער מצוה, איז דער פסוק וואס פארבינדט ביידע פרשיות, בהעלותך את הנרות, און פרשת שלח, וואו עס רעדט זיך וועגן מצות חלה - דערציילט דארט דער פסוק פון דעם גרעסטן כבוד וואס מ'האט אפגעגעבן מרים הנביאה,

ביז וואנעט אז דער אויבערשטער אליין, און משה ואהרן, מיטן גאנצן משכן האבן זיך פארהאלטן אויף א גאנצער וואך, ביז וואנעט אויך מרים האט געקענט מיט זיי מיט-גייו צוזאמען,



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס וואס איז געווען מרים'ס אויפטו בשעת אידן האבן זיך געפונען אין מדבר - איז משה רבינו האט געגעבן די תורה, און דערנאך אויך דעם מן, אהרן הכהן האט געגעבן די ענני הכבוד, די וואלקנס וואס האבן באשיצט די אידן פון אלע זייטן, און פון אויבן, און פון אונטן, ומכל הצדדים, און האט זיי אויך אפגעגעבן כבוד פאר די אלע פעלקער, וואס דערפאר ווערן זיי דאך אנגערופן "ענני הכבוד",

מרים'ס אויפטו איז געווען - אז זי האט געגעבן א בארה של מרים, א קוואל וואס איז מיט-געגאנגען מיט אידן אויף אלע זייערע 42 מסעות וואס זיי זיינען דורכגעגאנגען אין מדבר,

וואס פון דעם קוואל, אין צוגאב דערצו וואס מ'האט דערפון געטרונקען, ווי דערציילט אין חומש, דערציילן אויך חז"ל אז דאס האט געבראכט טהרת המשפחה, און דאס האט ערמעגלעכט די מקוה וטבילה און טהרת המשפחה די אלע יארן וואס מען איז געגאנגען אין מדבר,

וואס אין מדבר איז דאך צמאון אין מים, ניטא קיין קוואל, ניטא קיין וואסער, ווער האט צוגעשטעלט דעם ענין פון טהרת המשפחה, אז מ'זאל האבן קינדער, און אסאך קינדער, און עס זאל זיין ווי דער אויבערשטער וויל - אט דאס איז געווען בזכותה של מרים הנביאה.

און ווי דערמאנט פריער, דאס פארבינדט בהעלותך מיט דער פרשה פון חלה, דאס איז דער לעצטער פסוק פון בהעלותך, וואס פארענדיקט זיך אז דעמולט איז מען געקומען אין מדבר פארן, וואס דערמיט הויבט זיך אן פרשת שלח - וואס האט פאסירט אין מדבר פארן, און דארט איז אויך געווען דער נתינת המצוה (דער אנזאג אויף דער מצוה) פון מצות חלה,

און ווי געזאגט פריער, אע"פ וואס דאס איז דאך א קאנווענשאן פון א געציילטע צאל פרויען, און מ'דארף דאך האבן אז דאס זאל דערגרייכן יעדער אידישע פרוי, און יעדע אידישע טאכטער,

איז ווי געזאגט פריער, אז יעדער איד האט דעם אנזאג פון דעם אויבערשטן אז עס זאל זיין ואהבת לרעך כמוך, ליב האבן יעדער אידן און אלע אידן:

אז דער אויבערשטער גיט א מצוה איז א זיכערע זאך אז ער גיט פריער אלע כחות און מעגלעכקייטן אויף מקיים זיין די מצוה ווי דער אויבערשטער וויל,

און וויבאלד אז דער אויבערשטער זאגט אן יעדערע פון אייך, און יעדערן פון אונז אז ואהבת לרעך כמוך,

און דער בעש"ט זאגט אז דאס גייט אויף יעדער איד, און אויף אלע אידן, וואו נאר זיי געפינען זיך -

איז א זיכערע זאך, אז בשעת מ'וועט זיך אין דערויף אריינלייגן און מ'וועט אין דערויף טאן, וועט מען דערגרייכן צו יעדע אידישע טאכטער, און יעדע אידישע פרוי,

און ווי געזאגט פריער, בשעת ס'איז דא דער ענין פון טהרת המשפחה, מאכט דאס ריין און הייליק די גאנצע הויז, און דורך דערויף - דעם גאנצן אידישן פאלק;

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז די גאולה (זי' אויסלייזונג) פון גלות - פארגלייכט דאס דער נביא (מיט די ווערטער פון דעם אויבערשטן) אז דאס איז "מקוה ישראל ה'", אז דער אויבערשטער ברענגט די גאולה אין אן אופן ווי עס ווערט אויפגעטאן דורך א מקוה,

און דאס ברענגט אויך דערנאך תחיית המתים, אז מ'וועט זיך זען מיט משה ואהרן און מרים הנביאה, מ'וועט זיך זען מיט שרה רבקה רחל ולאה, און אברהם יצחק ויעקב, בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה.

וואס דאס איז דאך בנוגע אויך - עס קומט דאך צו א ספעציעלע זאך וואס מען פייערט, און מ'מאכט אויך אן אנדענק וואס דער אויבערשטער האט געבענטשט יעדערע פון אייך, און אלעמען צוזאמען, אפשליסן א תקופת-זמן, א פעריאדע פון די 25 ערשטע יארן פון די ארבעט און טעטיקייטן פון נשי ובנות חב"ד,

וואס זיכער וועט דאס צוגעבן, וויבאלד אז דער אויבערשטער זאגט אז מעלין בקודש, אז מ'גייט אלץ און מ'טוט אלץ מערער און בעסער און ליכטיקער און הייליקער, איז א זיכערע זאך אז די צווייטע 25 יאר וועט זיין נאך העכער, וויבאלד אז אין גוטסקייט און אין הייליקייט איז דאך קיין שיעור ניטא,

איז דאך זיכער ווי גוט מ'האט געטאן ביז היינט - קען מען מארגן אינדערפרי נאך צוגעבן, אדער אפילו היינט ביינאכט,

און בפרט נאך אז מ'האט שוין דעם נסיון, און דאס וואס מ'איז דורכגעגאנגען און אויסגעפרואווט און אויפגעטאן אין די פריערדיקע יארן, אין די ערשטע 25 יאר - צו א הצלחה רבה ומופלגה (צו גאר א גרויסע הצלחה) אין די יארן וואס קומען פון איצטער אן און ווייטער,

און דאס איז ח"ו ניט מעכב ביאת המשיח, ווארום משיח קומט דאך אחכה לו בכל יום שיבוא, אז אט אט קומט ער בפועל, אבער נאך משיח'ס קומען וועט מען ערשט דארפן לערנען תורה, און ערשט דארפן מקיים זיין מצות מיט א צוגעגעבענעם כח, און מיט א צוגעגעבענעם חיות,

און נשי ובנות ישראל, אין זייערע מצוות, און אין אלע מצוות, ווי זיי זיינען משפיע אויך אויף די מאנסבילן - אויך נאך ביאת משיח צדקנו, מיט נאך מער פייערליכקייט און מיט נאך מער כח און מיט נאך מער חיות און מיט נאך מער שמחה.

און דעמולט וועט מען אויך זיכער פייערן די צווייטע 25 יאר, וועט זיין א יובל שנים, וואס ווערט אנגערופן "עולם", דאס איז אן אייביקייט, אין צוגאב דערצו וואס יעדער גוטע פעולה איז דאך פארבונדן מיטן אויבערשטן - איז דאס אויך יחוד זה למעלה הוא נצחי, ווי דער אלטער רבי זאגט, דאס איז אן אייביקע זאך, און דאס שטייט שוין אייביק למעלה, ברוחניות,

דאס האט אבער אויך א השפעה און דער ווירקונג אויף מאכן לייכטער דעם גיין פארווערטס אין אלע ענינים פון אידישקייט, מערער נאך ווי ס'איז געווען איידער מ'האט אפגעשלאסן די 25 יאר, און אזוי אויך באופן דמוסיף והולך.

עס פירט זיך אין דער וועלט אז בשעת מען פראוועט א "יובעלייאום", וואס עס זאל נאר זיין, עאכו"כ א יובל (א יובעלייאום) וואס איז פארבונדן מיט א זאך פון אידישקייט, מיט תורה ומצוות,

און ווי געזאגט פריער - מיט די יסודות'דיקע זאכן פון תורה ומצוות אנהויבנדיק פון אהבת ישראל, אנהויבנדיק פון די דריי במיוחד'יקע (ספעציעלע) מצוות פארבונדן מיט אידישע פרויען, און טעכטער,

אנהויבנדיק מיט די ספעציעלע החלטות וואס די קאנווענשאן האט אנגענומען און וועט זיכער אלץ טאן כדי זיי קענען מקיים זיין בפועל,

עס פירט זיך אבער פון די מנהגים וואס לויט תורה איז דאס די מנהגים וואס



הנחה פרטית בלתי מוגה

מ'דארף זיי אויסנוצן צום גוטן, וואָרום זיי האָבן אין זיך א גוטע נקודה וואָס פון איר קען צוקומען אין אידישקייט, אין תורה ומצוות,

און דאָס איז - דער מנהג, אז בשעת ס'איז דאָ א יובל (אָדער א חצי-יובל), איז אָט דעמולט פאַרבינדט מען דאָס מיט אן אויסנאָם,

אין צוגאָב צו די געוויינטלעכע זאַכן וואָס מ'האָט בא יעדער קאַנווענשאַן, איז בשעת ס'איז דאָ אן אָפּשלוס פון א ספּעציעלע פּעריאָדע, ווי דאָ געזאָגט - פון די 25 יאָר,

וואָס דאָס איז אויך א צוגרייטונג, ווי געזעדט פילע מאָל אז ביי אידן און אידישקייט איז ניטאָ קיין זאַך אז ס'איז א סיום, אן ענדע, ווייבאַלד אז מ'איז פאַרבונד מיטן אויבערשטן וואָס ער איז א"ס, און ער האָט דאָס איבערגעגעבן צו יעדער אידן, און אַלע אידן, דורך זיין תורה ומצוותי', וואָס זיי זיינען אויך א"ס, ארוכה מארץ מדה ורחבה מיני ים, אן א גרעניץ,

איז כאמור, פאַרבינדט מען דאָס אז עס זאָל זיין אן אויסנאָם-באַשלוס, ובפרט נאָך אין אזא ווירקונג, און אין אזא טעטיקייט וואָס מצד סיבות שונות ומשונות, אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעכע סיבות, איז דאָס אינגאַנצן פאַרלאָזן געוואָרן, ביז אויף אזויפיל - אז מ'רעדט ניט וועגן דעם, און א זיכערע זאַך אז מ'טוט ניט וועגן דעם,

און וואָס אין דערויף אויך האָט א אידישע פרוי, און אויך א אידישע טאָכטער, ווען זי וואַקסט אויס און האָט חתונה, די שליחות, און דער נתינת כח, און דעם זכות, און אחריות - אויף דאָס צוריק אריינברענגען אין אידישן לעבן.

און דאָס איז, אין צוזאַמענהאַנג וואָס דערמאָנט פריער, אז אין די דריי מצוות, איז דאָ די מצוה פון נעמען חלה, די מצוה פון אנצינדן א ליכט ערב שבת און יו"ט, און די מצוה פון טהרת המשפחה,

וואָס אין די דריי גופא, איז אע"פ וואָס מ'דאַרף דאָך ניט וועגן און פאַרגלייכן מצוות, אויב דאָס קען ברענגען צו מאַכן איינע קלענער; מ'קען דאָס אָבער טאָן ווען דאָס ברענגט אין א צוגאָב מרץ (אין א צוגאָב פון טאָן) בנוגע צו א צווייטע און גרעסערע מצוה.

וואָס אין די דריי מצוות גופא, איז בשעת מ'נעמט חלה ווירקט דאָס אז די הויז, דער עסן און טרינקען, און דורך דערויף אויך דער בשר ודם האדם, דער אידישער גוף וואָס שפּייזט זיך פון דעם עסן און טרינקען, ווערט דאָס א כשר'ע גוף וואָס האָט כשר'ע מחשבות און כשר'ע רייד און כשר'ע מעשים,

עד"ז (אזוי אויך) דער אנצינדן (ליכטיק מאַכן) ערב שבת און ערב יו"ט - ווירקט דאָס אויף דער גאַנצער וואָך, אָדער ביז דעם צווייטן מאָל ווען דער יו"ט קומט אָן,

[וואָס דערפאַר דעמולט דאַרף מען נאָכאַמאָל פון דאָסניי אנצינדן א נייע ליכט, צי דאָס איז ערב שבת, אָדער יו"ט].

דערצו קומט צו אין דער מצוה פון טהרת המשפחה - אז דורך דערויף וואָס מען איז איר מקיים, ווירקט דאָס דערנאָך אויפן גאַנצן לעבן פון דעם מאַן מיט דער פרוי, און אויפן גאַנצן לעבן פון די קינדער וואָס ווערן געבאָרן אין אזא אופן, און אויפן גאַנצן לעבן פון קינדס-קינדער, עד סוף כל הדורות (ביז דעם סוף פון אַלע דורות),

און ווי געזאָגט פריער, מפני סיבות שונות ומשונות

- פריער איז געווען דער תירוץ אז מ'שעמט זיך וועגן דערויף רעדן, דערנאָך

אז מ'האט וועגן דערויף אנגעהויבן רעדן אין די ניט-צניעות'דיקע קרייזן, און דערנאך איז געווארן, דורך דערויף וואס מ'גייט אין אזוינע בתי ספר וואס דארט לערנט מען ניט נאר לימודי קודש, האט דאס דערגרייכט אויך צו אזוינע וואס שטאמען פון אידישע און פרומע און הייליקע הייזער - אז אויך דארטן האט מען אנגעהויבן רעדן און מ'ווייס וואס דאס איז, וועגן וואס עס רעדט זיך,

רעדן וועגן דערויף אין א מקום קדוש, בשעת א רב האלט א דרשה, בשעת א מגיד זאגט מוסר, און בשעת א לערערין לערנט מיט א מיידל וואס איז שוין אלט, און אין א יאר ארום אדער א חודש ארום האט זי חתונה,

דארף זי דאך צום אלעם ערשטן זען אז די טאכטער זאל וויסן אלע דינים, וואס כאמור, אן דערויף הענגט אפ דער אייביקער לעבן פון דורות און דורי דורות עד סוף כל הדורות -

איז ווי געזאגט, ס'איז ניטא אין דערויף קיין סיבה אמיתית פארוואס מ'טוט דאס ניט, מערניט - וואס מיט פילע דורות פאר דערויף האט מען ניט געדארפט אנקומען אז א רב זאל וועגן דערויף רעדן, אדער א מגיד (א מוסר-זאגער) זאל וועגן דערויף זאגן - דערפאר וואס מ'איז געווען זיכער אז מ'וועט דאס הערן, אז די צייט וועט קומען, אין דער הויז,

בשעת אבער ס'איז אנדערש געווארן די צייטן, און מ'קען זיך ניט פארלאזן אויף אן אנדער השפעה, ווארום עס קען ניט אנקומען די ידיעה, אדער אז עס קומט אן די ידיעות וועגן די דינים - קומט דאס אן מערניט ווי א טייל דערפון, און מ'ווייס ניט וועגן די פרטי דינים, ביז מ'ווייס ניט אפילו כללות'דיקע זאכן, און עיקר'דיקע זאכן -

האט מען קיין ברירה ניט, נאר עת לעשות לה' הפרו תורתך, דארף מען שטורעמען, אז פרויען דארפן פארלאנגען בא די רבנים, און בא די מוסר-זאגער, אז אנשטאט דערויף מ'זאל רעדן וועגן זאכן וואס אפשר זיינען זיי וויכטיק, אבער ניט אויף אזויפיל וויכטיק,

א זיכערע זאך אז בשעת מ'רעדט וועגן זאכן וואס זיינען טפל - דארף מען רעדן וועגן עיקר'דיקע זאכן,

זאלן זיי געפינען, בא יעדער געלעגנהייט וואס עס מאכט זיך, ניט דורכלאזן קיין אלין פרט - רעדן וועגן דערויף ברבים, און מיטן גרעסטן שטורעם, וועגן די כללות'דיקע זאכן, וועגן דעם כללות'דיקן איינשטעל,

מ'קען ניט רעדן וועגן פרטיות'דיקע דינים אין א דרשה אין שול - ווארום ניט מ'וועט דאס געדיינקען, ניט מ'קען וועגן דערויף רעדן ברבים,

אבער אויפשטורעמען די אידישע הייזער, אז מ'זאל וויסן זיין אז טהרת המשפחה האלט זיך אויף דערויף דער קיום פון דעם גאנצן אידישן פאלק,

און די גאולה פון גלות הענגט אפ אן דערויף וואס מקוה ישראל ה', וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם,

זאל מען מעורר זיין און אויפשטורעמען די אלע פארזאמלטע, און בא יעדער געלעגנהייט וואס עס איז נאר מעגלעך - נאך אמאל איבער'חזר'ן און ווידער אמאל איבער'חזר'ן,

און אויך גלייך צוזאמען דערמיט, ניט יוצא זיין מיט א דרשה, נאר גלייך

זאגן אז עס איז געגדינדעט געווארן אז אין דעם טאג, און אין דעם שעה, און אין דער הויז - קלייבן זיך צוזאמען דער קרייז וואס עס לערנט א פרוי די דינים, און ענטפערט אויף אלע שאלות וועלכע מ'האט וואס צו שטעלן אין דעם.

און דער עיקר - פארוואס מ'מוז דאס טאן און מקיים זיין - איז דאס מוז געזאגט ווערן בציבור, ובפומבי בא יעדער געלעגנהייט דורך רבנים.

און אויפפאדערן דאס אז די רבנים זאלן דאס טאן - איז דאס איז די ערשטע שליחות פון אידישע פרויען.

ובפרט נאך ווי אין דער לאנד, אז די "סיסטער-הוד'ס", און די "ליידיס אקזילער'ס" האבן גאר א גרויסע דעה אין די בתי כנסיות ובתי מדרשות (אין די אזוי-גערופענע "קאנגרעגעישאן'ס" - ווי מ'רופט דאס בלשון המדינה), און זיי האבן אויך א גרויסע דעה אין די הנהלות פון די בתי ספר לבנות, דורך דערויף וואס זיי נעמען פערזענלעכן איינטייל און העלפן אויך ארויס מיט געלט.

אויף פארלאנגען דאס, און יעדער טאג איז אין דערויף וויכטיק, דערפאר וואס מ'ווייס ניט וואס מ'קען ח"ו פארגעסן אין איין און איינציקן טאג.

וכאמור - אויף אויפשטורעמען, אין א דיסקרעטן אופן, און אין א בכבוד'דיקן אופן, און אן טענות, בדרכי נועם, ובדרכי שלום, אז בא די ערשטע געלעגנהייט, און בא די ווייטערדיקע געלעגנהייטן און בא יעדער געלעגנהייט.

איז סיי די רבנים, סיי די מוסר-זאגערס סיי די מחנכות און מדריכות פון אידישע טעכטער וואס האלטן שוין בא דעם גיל וואס מ'דארף זיי אנהויבן גרייטן דערצו -

זאלן זיי איינארדענען, אין צוגאב צו באגרינדן דאס אז דאס איז אן עיקר גדול אין א קיום (אין דער אויפהאלטן) פון א אידישער הויז, און דורך דערויף - אויפהאלטן פון דעם גאנצן אידישן פאלק, ביז אויך - צו ארויסנעמען פון דעם גלות,

און ניט רוען, ביז וואנעט די אלע וואס דארפן טאן אין דעם - וועלן ניט יוצא זיין מיטן רעדן אליין, נאר מ'וועט אויך גרינדן פארשידענע קרייזן אין פארשידענע אופנים, אבער אין יעדער בית הכנסת זאל האבן א קרייז וואס איז דערמיט פארבונדן,

און עד"ז אויך אין בתי ספר לבנות, וואו עס רעדט זיך וועגן טעכטער וואס דארפן שוין קרוב האלטן דערביי (ביי שידוכים),

און ניט רוען, ביז וואנעט מ'וועט ניט זען אז די החלטות זיינען ניט נאר אנגענומען געווארן, נאר זיי ווערן אויך מתקיים, מ'איז זיי מקיים בפועל,

און ניט טראכטן בא זיך אז וויבאלד אז איצטער גייט אוועק דער זומער, און זומער ווערן געשלאסן בתי ספר, און זומער פארט מען זיך פאנאנדער אויף די קאנטריס -

זאל מען וויסן זיין אז יעדער אידישע הויז, און יעדער אידישע פרוי, און יעדער אידישע טאכטער, זאגט אויף דערויף די גמרא (זאגט תושבע"פ) אז דאס איז אן עולם מלא, א פולע וועלט,

און מה-דאך אז מ'פארגעסט ניט זומער אז מ'דארף האבן די גשמיות'דיקע פרנסה - א זיכערע זאך אז מ'דארף אויך זומער טאן, אין די וועגן וואס ס'איז מעגלעך דורך זיי טאן זומער-צייט,



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס ס'איז דאך דא די פארשידענע קורסן און בתי ספר וואס ארבעטן אויך זומער, אין שטאט, ס'איז דא די פארשידענע ערטער וואס מ'לערנט אין קאנטרי, חוץ פון דער שטוב, אבער דארט קלייבט מען זיך אויך צוזאמען און מ'לערנט פארשידענע ענינים אין תורה, און פארשידענע ענינים אין אידישקייט,

עד"ז ומכ"ש וק"ו און גאר אין א גרויסע מאס - זאל מען אויפשטורעמען, און דאס זאל זיין איינע פון די אויפטוען - ווארום ליידער איז ביז איצטער איז דאס איינע פון די גאר פארלאזענע געביטן - אויף פארשפרייטן אידישקייט,

לעומת זה, אין צוגאב דערצו וואס (ווי געזאגט פריער) דאס איז איינע פון די וויכטיקסטע און אפשר גאר די וויכטיקסטע זאך פאר אויפהאלטן א אידישן דור, וואס ער וועט גיין אין תורה ומצוותי',

און ווי ערקלערט אין פילע ערטער אז דאס איז איינע פון די סיבות וואס מ'זעט אן אראפגעפאלנקייט, און א ירידה אין דעם מוסר, און אין דער אויפפירונג פון פארשידענע היזער - דערפאר וואס מ'האט ניט אפגעהיט אט די דינים, און אין מערסטע פאלן איז דאס געווען ניט אפגעהיט דערפאר וואס מ'האט ניט געוואוסט די ערנסטקייט פון דער זאך, מ'האט געמיינט אז מ'קען יוצא זיין מיט מקיים זיין אויף א ניט-ריכטיקן וועג, אדער מקיים זיין מערניט בכללות -

ניט וויסנדיק אז ס'איז דא אזוינע פרטים וואס אויב מ'היט זיי ניט אפ איז פעלט די גאנצע זאך.

און זיכער דארף מען ניט מאריך זיין און ערקלערן בארוכה די העכסטע וויכטיקייט ניט פון דער זאך אין אלגעמיין, ניט די העכסטע וויכטיקייט פון מקיים זיין מיט אלע פרטים, פאר די פארזאמלטע דא,

ס'איז מערניט אז אין מזרזין אלא למזורזין: אט דאס וואס זיי מיינען אז וויבאלד ס'איז דורכגעגאנגען אזויפיל יארן, און מ'רעדט ניט וועגן דעם ברבים, און מ'שושקעט זיך אפילו אז מ'הויבט אן רעדן, במילא דערציילט מען מערניט אט דאס וואס מ'קען דערציילן אין אלגעמיין, מ'האט קיין צייט ניט אויף ערקלערן די וויכטיקייט און די ערנסטקייט פון דער זאך,

וואס דאס ברענגט דערנאך צו תוצאות אין א הי־רעקטן וועג אין דעם אופן ווי די זאכן ווערן ערפילט.

און ווי געזאגט פריער: דאס אלץ קען דורכגעפירט ווערן מיט דער העכסטער מאס פון צניעות און אפגעהיטקייט, און פונדעסטוועגן זאל פאראכטן ווערן אט די גרויסע פירצה, די גרויסע זאך וואס לאזט אריין די אלע ניט-גוטע ווינטן, זאל יעדער איד און אידישע הויז אפגעהיט ווערן דערפון,

און בשעת מ'וועט זיך נעמען דערמיט, און מ'וועט וויסן אז דאס איז דער אויפטו פון 25 יאריקע טעטיקייטן איז דאס איינע פון די הויפט זאכן - וועט זיכער יעדערע טאן מיט די גרעסטע איבערגעגעבנקייט,

און רעדנדיק וועגן דערויף, מתוך אהבת ישראל, מיטן רב, אדער מיטן מוסר-זאגער, אדער מיט די הנהלה פון בתי ספר לנערות ובנות און ענלעכעס - וועלן זיי זיכער אנרירן און אויפוועקן אין זיי אט דאס וואס זיי ווייסן אליין - די העכסטע וויכטיקייט, און מ'האט גערעכנט און געמיינט און געהערט פון א צווייטן אז אפשר איז ניט געקומען די צייט אויף רעדן וועגן דערויף מיט דער גאנצער ערנסטקייט, ווי געזאגט פריער - מפני סיבות שונות ומשונות, מצד משונות'דיקע סיבות.

בשעה עס רעדט זיך אבער וועגן אנהאלטן אידישקייט אין אידישן לעבן, און

דורך דערויף אנהאלטן דעם אידישן פאלק, וואס דאס הענגט אפ א יסוד גדול דער עיקר - פון טהרת המשפחה,

קען מען זיך ניט רעכענען מיט אט-די אלע חשבונות. ובפרט נאך ווי געזאגט פריער: די גאנצע טעטיקייט, אויך דער רעדן און מפרסם זיין - קען דורכגעמאכט ווערן און דורכגעטאן ווערן מיט דער העכסטער צניעות,

און דאס וועט זיכער ברענגען די גרעסטע הצלחה'דיקע רעזולטאטן בפועל ממש.

דערנאך קומט נאך צו נאך א צווייטער געביט, וואס דאס איז נאכמער פארלאזן, און דאס איז זיכער דער העכסטער תפקיד פון אידישע פרויען,

און דאס איז ווי איך זע אז מ'האט שוין וועגן דערויף גערעדט אויף דעם צוזאמענקונפט (אויף דער קאנווענשאן), ביז וואנעט מ'האט דאס אויך אפגעדרוקט,

- וואס דארטן פעלט אבער די הקדמה, און עס פעלט אויך דער אויספיר, און דאס איז וועגן דערויף וואס דער אויבערשטער בענטשט אידן און יעדער מענטשן, איז די העכסטע ברכה,

- וואס דערפאר שטייט זי אלס ערשטע ברכה פון דעם אויבערשטן אין תורה, וואס תורה ווערט אנגערופן תורת חיים, אן אנווייזונג אין טאג-טעגלעכן לעבן,

איז די ערשטע ברכה וואס דער אויבערשטער האט געזאגט און געגעבן, און איבערגעגעבן דורך אדם הראשון און חוה צו אלע דורות נאך דערויף, איז געווען - אז ער וועט זיי בענטשן מיט קינדער, און קינדס-קינדער, ביז וואנעט אז עס וועט זיין ומילאו את הארץ וכבשוה, מענטשן וועלן איינגעמען די גאנצע וועלט, און זיי וועלן איר אנפירן, און איינגעמען,

אז די וועלט וועט אויסזען ווי א מענטשלעכע וועלט, ניט א וועלט פון ווילדקייט ניט א וועלט פון העדר המוסר וכו',

וואס דערצו דארף מען האבן אז זי זאל זיין אנגעפילט מיט מענטשן, מענטשן וואס אין זיי דערקענט מען אז זיי זיינען באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן,

און אט דעמולט איז ויברך אותם, איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער בענטשט זיי מיט הצלחה,

וואס דאס איז אין איינפאכע ווערטער, איך בין דאך ניט אויסן צו האלטן קיין דרשות, אין איינפאכע ווערטער איז: אט דאס וואס דער אויבערשטער <u>וויל</u> געבן יעדער אידישע הויז, און <u>גיט</u> יעדער אידישע הויז א ברכה אין אלע ענינים,

און ער וויל אז די הויפט-ברכה זאל מען אנערקענען דעם אמת, אז מ'ווערט געבענטשט מיט בנים ובנות, מיט קינדער, מיט אינגעלעך און מיידעלעך,

וואס ס'איז א זיכערע זאך אז דער פאטער מיט דער מוטער וועלן נאר וועלן, וועלן זיי ז[illegible] אויספירן אז די קינדער וועט אין זיי מקויים ווערן וואס מ'האט אנגעזאגט אברהם אבינו און שרה אמנו, אז ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט יצוה את בניו ואת ביתו אחריו,

ס'וועט זיין אזוינע קינדער וואס זיי וועלן אנזאגן זייערע קינדער, אויך דורך א לעבעדיקן ביישפיל, אז זיי וועלן אזוי טאן - אפהיטן דעם אויבערשטן'ס וועג,

וואס די באשטייט ככללות, אויף צו טאן צדקה, וואס דאס איז דער עניין פון

(ווי געזאגט פריער) גמ"ה, און אויך אין משפט, וואס דאס איז דער ענין פון תורה, און תפלה,

פארשפרייטן מענטשלעכקייט, וואס אמת'ע מענטשלעכקייט איז דאך באגרינדעט אויף תורת חיים, וואס זי איז אויך תורת אמת,

כדי דאס זאל אנקומען אין אן אופן אז די וועלט זאל זיין אנגעפילט מיט אידישקייט און גוטסקייט, און אין אן אופן "וכבשוה", אז מ'זאל איינגעמען די אלע ניט-גוטע זאכן וואס זיי שטערן דערצו -

דערצו דארף מען האבן דער פרו ורבו, וואס דעמולט איז ומלאו את הארץ אין פשטות, אז אידן זאלן אויפנעמען און מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס ברכות, וואס ער גיט זיי, אויף געבענטשט ווערן בבנים ובבנות.

**און אויף דערויף איז אויך געקומען די רייד וואס מ'האט אויך אפגעדרוקט, וואס כאמור (ווי געזאגט) - דארט פעלט דער אריינפיר -**

**און דאס איז, אז אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן א הויז, וואס דארט זיינען די באציאונגען צווישן דעם מאן מיט דער פרוי ניט ווי עס דארף צו זיין ר"ל,**

אפילו אז עס רעדט זיך וועגן א הויז וואס די פרוי פירט זיך אויף ניט צניעות'דיק, ווי דער אויבערשטער וויל, ווי ער האט אנגעזאגט אין דער תורה,

אפילו אז ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז דאס איז דערקומען צו דעם כהן, און אין משכן, און אין מקדש, מיטן גאנצן ענין וואס ווערט דארט דערציילט,

וואס דאס איז דאך איינע פון די סיבות שונות ומשונות, אז מ'פרעגט פארוואס ביסטו ניט מקבל דעם אויבערשטן'ס ברכות אויף קינדער און קינדס-קינדער - הויבט מען אן זוכן תירוצים,

און דער ערשטער תירוץ איז - אז פריער דארף מען איינשטעלן אז די באציאונגען פון דעם מאן מיט דער פרוי זאלן זיין זיכער ביז הונדערט און צוואנציק יאר, דערנאך דארף מען זיין זיכער אז די אויפפירונג פון דער הויז וועט זיין אויף זיכער אויף אלע הונדערט פראצענט, און ערשט דערנאך וועט מען אויספלאנירן אדער מאכן א פלאן - צי מקבל זיין דעם אויבערשטן'ס ברכה, צי ניט!

דערציילט תורה, אז אפילו אזא הויז וואס די באציאונגען זיינען ניט ווי עס דארף צו זיין, אפילו אזא הויז וואס די צניעות און די אויפפירונג פון דער הויז איז ניט קיין צניעות'דיקע,

זאגט דער אויבערשטער אז די גרעסטע ברכה, וואס דאס וועט פארגעבן אויף די פארשידענע יסורים, ר"ל, וואס ער קען ווינטשן און אפדאנקען די פרוי, וואס זי איז "טהורה היא" - איז דאס דורכדעם וואס ער וועט איר בענטשן און איר מאן - אז עס וועט צוקומען נאך קינדער אין דער הויז,

וואס דערפון פארשטייט מען אז די היזער וואס דער אויבערשטער האט זיי געבענטשט מיט שלום בית, אט די היזער וואס פירן זיך לויט ווי דער אויבערשטער וויל, לויט זיין ווילן,

וואס דאס ברענגט אראפ א תוס' ברכה, אז עס זאל זיין די אמת'ע ברכה, זאל זיין אמת'ער געזונט, בגשמיות וברוחניות, מ'זאל ניט האבן צוטאן מיט אויפגערודערטקייט, מיט די אלע ענינים וואס זיינען ר"ל צוגעקומען אין היינטיקער וועלט, דורך פארשידענע סיבות, אנהויבנדיק - פון ניט אפהיטן טהרת המשפחה, ווי ער זאגט אין מדרש תנחומא,

איז דאך פארשטאנדיק אז יעדער קינד וואס קומט צו אין אזא הויז איז דאס א-בענטשונג (א ברכה) פאר דעם פאטער מיט דעם מוטער, און פאר דעם זיידן מיט דער באבע, און פאר די אנדערע קינדער וואס זיינען שוין דא אין הויז - אז עס קומט זיי צו נאך א ברודער, און נאך א שוועסטער, און א בענטשונג און א ברכה פאר דעם גאנצן אידישן פאלק, וואו נאר ער געפינט זיך,

און מ'ברענגט דאך אלעמאל א ראי' וואס עס טוט זיך אין וועלט, זעט מען אז אין ארה"ק, אז כדי עס זאל אנקומען איין און איינציקער "עולה", עס זאל צוקומען נאך א איד - לאזט מען זיך קאסטן 10.000 דאלאר!

דערנאך איז געווארן טייערער איז געווארן 20.000 דאלאר!

דער אויבערשטער קומט צוגיין און זאגט: ער גיט א ברכה, עס וועט צוקומען א זון, צוקומען א טאכטער, און דערנאך אז מ'וואקסט אויס האט מען פון זיי אידישן נחת, ווארום מ'איז זיי מחנך (מ'ערציט זיי) אין דער-וועג ווי דער אויבערשטער -וויל,

גיט זיי דער אויבערשטער פרנסה פון זייער מזל, פון זיין אייגענעם לי הכסף ולי הזהב,

דאס איז ניט ח"ו א לאסט אויף עלטערן - דאס איז ניט א "לאסט" - דאס איז א זון און דאס איז א טאכטער!

און אויך ווי דערמאנט פריער איבער פארשידענע סיבות שונות ומשונות, איז טוט מען וועגן, זיכער דארף מען ניט באווארענען דאס זוכט מען אלץ עס זאל זיין אויסגעהאלטן ע"פ שו"ע, אבער נאכן גאנצן אויסהאלטן ע"פ שו"ע - הענגט דאס אפ אן דער עקרת הבית, אן א אידישער פרוי,

און אט דעמולט ליגט זי ניט אין קיין דאגות, ווארום דער אויבערשטער איז זן ומפרנס לכל - ער טראגט אויף זיך די אחריות, און די פרנסה פון דעם פאטער מיט דער מוטער, און פון יעדער קינד, און פון אלע קינדער,

און בשעת עס ווערט געבארן א זון אדער א טאכטער - ווערט מיט אים צוזאמען געבארן זייער פרנסה,

נאר ביז א באשטימטן עלטער, ביז א באשטימטן יאר, גיט דער אויבערשטער א צוגאב-שליחות און זכות און פארגעניגן צו דעם פאטער און צו דער מוטער, אז דורך זיי גיט ער די פרנסה צו דעם זון אדער צו דער טאכטער,

דערנאך אז זיי וואקסן אויס - בויען זיי א הויז און א פעמעלי פאר-זיך, און זיי באקומען די פרנסה אונאפהענגיק פון דעם פאטער, און דער מוטער,

אבער אויך דעמולט ווען די עלטערן העלפן זיי ארויס - גיבן זיי איבער דעם אויבערשטן'ס געלט, און דעם אויבערשטן'ס כסף וזהב צו די קינדער, נאר זיי האבן דעם גרויסן זכות, און דעם גרויסן פארגעניגן אויך בגשמיות - וואס דער אויבערשטער האט זיי געשענקט מיט אזא ברכה, און האט זיי אויך געגעבן די מעגלעכקייט און דעם זכות צו מפרנס זיין צו ערציען זייערע קינדער ברוחניות ובגשמיות, ביז א באשטימטן עלטער, ביז באשטימטע יארן.

און אט דאס זאגט מען, אז מ'הויבט אן זוכן טענות, אז דאס דארף מען פריער איינשטעלן שלום-בית, דערנאך דארף מען איינשטעלן דעם ענין פון פרנסה, דערנאך דארף מען איינשטעלן און זיין זיכער אז אלע ארום וועלן מסכים זיין אז מ'זאל די קינדער ערציען ווי עס דארף צו זיין, אין א צניעות'דיקן וועג וכו', ועד"ז די אלע איבעריקע טענות -

איז א זיכערע זאך אז זיי קומען, ווי נשיא דורנו, ווי דער רבי דער שווער, האט אים אנגערופן דער קלוגינקער, און מ'דארף דאך רעדן קלארע ווערטער - דאס קומט פון יצה"ר,

נאר אז ער וועט קומען אלס א נאר, אנגעטאן ווי א יצה"ר איז א זיכערע זאך אז קיין אידישע פרוי און טאכטער וועט אים ניט פאלגן; טוט ער זיך אן אין אידישע קליידער, און מאכט דערפון נאך אן ענין פון א מצוה, אז זי דארף האבן צייט אויף פארשידענע גוטע טעטיקייטן, וואס דאס קען ניט זיין אויב עס וועט זיין נאך א קינד אין הויז,

ובפרט נאך אז זי קען לוחץ זיין (דריקן) אויפן רב, און ער וועט איר ארויסגעבן א היתר -

זאל מען וויסן זיין אז דאס איז א "קלוגינקער" וואס האט זיך אנגעטאן, מצד די קלוגשאפט, אין א זיידענעם סורטוק מיט א גארטל, אבער וואס דארט אינעווייניק - איז דארט דער יצה"ר מיט זיין גאנצן שטורעם,

און ס'איז נאך ניטא קיין איין זאך וואס דער יצה"ר וויל - וואס דערפון זאל ארויסקומען א גוטע זאך פאר א אידן, פון קליין ביז גרויס,

וואס דאס איז אזיך אן ענטפער, אז מ'זוכט דאך פארשידענע תירוצים כדי צו טאן די זאך, איז כדי צו מאכן דעם נסיון לייכטער - האט מען געזען אין וואס עס באשטייט די אויפפירונג בשעת מ'גייט מיט אט דעם וועג,

וואס מ'האט דאס געגעבן א פאליטישן נאמען "פלענינג", אז דאס הייסט, אזוי ווי א מענטש דארף לעבן אין א חיים, אין א סדר מסודר, קען ער ניט טאן קיין זאכן סיידן ער מאכט ניט פריער קיין פלאן,

אויב דאס איז אזוי אין אייניקע זאכן - איז דאך א זיכערע זאך אז מ'דארף אויסשטעלן א פלאן ווען מ'זאל האבן קינדער, וויפל מ'זאל האבן קינדער, ווי אזוי מ'זאל האבן קינדער, מיט די אלע פרטים,

דאס איז אבער, ווי אלע ענינים בדוגמת זה, דאס איז א זיידענע זופיצע אנגעטאן אויף א דבר המבהיל!

אויף וויפל דאס איז מבהיל - דארף מען ניט ערקלערן, ווי מ'זעט אז די וואס פירן זיך ניט, פאר קיין אידישער טאכטער געדאכט, מיט "פעמילי-פלענינג", וכיו"ב - ברענגט דאס אנשטריינגונג אין באציאונגען צווישן דעם מאן מיט דער פרוי.

דערנאך ברענגט דאס צוקאלעטשעט ר"ל זייער צוזאמענלעבן צוזאמען, ווארום דא איז דא אפהיטונגען, דא איז דא באגרענציצונגען, דא ווערט א ברוגז, און דא ווערט אן אנגעצויגנקייט,

און דערנאך אז בשעת מ'שטערט דעם נארמאלן אופן ווי דער אויבערשטער האט איינגעשטעלט בתורתו, און מ'הויבט אן אהינצו אריינברענגען ענדערונגען, וואס זיי ענדערן אין א ראדיקאלן וועג דעם נארמאלן לעבן פון א אידן, און נאכמערער - דעם נארמאלן פעמילי לעבן צווישן א מאן מיט א פרוי -

איז דאס א זיכערע זאך אז דאס דעפארמירט, דאס צורייסט די באציאונגען, דאס שטערט צו שלום בית, און וואס נאכמערער - דאס שטערט און דאס רירט אן דעם געזונט סיי פון דער פרוי, און סיי פון דעם מאן,

און ווי מ'זעט דאס בפועל, אט די וואס פארנעמען זיך מיט אט די זאכן, כאמור,

ניט פאר קיין אידישע הויז גערדאכט - האט מען צוטאן, ניט פאר קיין אידישע הויז גערדאכט, מיט "סייקא-טערעפי", מיט לויפן צו דאקטוירים וואס זאלן היילן די נערוון, מיט לויפן צו דאקטוירים וואס זאלן געבן אן עצה ווי אזוי דער מאן זאל אויסקומען מיט דער פרוי, און ווי די פרוי זאל אויסקומען מיט דעם מאן,

מ׳לויפט צו דאקטוירים וואס זאלן געבן פילן מיט הארמאנען מיט אלע-ערליי זאכן וואס זיי זאלן פארבייטן די נארמאלע זאכן, מיטן נארמאלן גאנג פון א אידישן לעבן, און אויך עד"ז אפילו בא ניט-אידן,

און דאס אלץ ניט דאס ברענגט אריין א פלאן, און א תכנית, און א סדר אין לעבן - א זאך וואס וויל אריינטראגן אן ענדערונג אין דעם סדר וואס דער אויבערשטער האט איינגעשטעלט אין זיין תורה, און האט געזאגט אז ס׳איז דא די באגרעניצונגען, און באשטימטע צייטן אין באשטימטע אופנים און פאר באשטימטע מענטשן,

און נאך דערויף איז דא, פארקערט, דער ענין פון דער מצוה, און ווי געזאגט פריער - די גרעסטע מצוה וואס דער אויבערשטער פארלאנגט - איז דאס אז א איד זאל פירן א נארמאלן טאג-טעגלעכן לעבן, ווי אנגעוויזן אין תורת חיים, אין דער תורה וואס זי באווייזט ווי אזוי צו לעבן א לעבן וואס ער קען אנגערופן ווערן חיים אמיתיים, אן אמת׳ער לעבן, וואס דאס איז - ווי ארויסגעבראכט געווארן אין תורה שבכתב, און דערנאך אין תושבע"פ, און דערנאך אין פוסקים, ביז אין שו"ע,

און מ׳דארף זיך ניט אריינמישן אין דעם אויבערשטן׳ס סדרים, אט דעמולט האט מען דעם אויבערשטן׳ס ברכה אין דער פולסטער מאס,

ביז אז מ׳ווערט געבענטשט מיט אלע ברכות, און ווי דער נוסח איז אז מ׳האט "בני", קינדער - וויפל דער אויבערשטער וויל איז די פאר-פאלק זאל געבענטשט ווערן - באקומען זיי דאס,

און אז דער אויבערשטער בענטשט זיי מיט קינדער - בענטשט ער זיי מיט געזונטע קינדער, און מיט פריילעכע קינדער, און מיט אמת-אידישע קינדער,

און "חיי": דאס איז ניט א זאך וואס מ׳וויל זיך איינרעדן ר"ל אז דאס מאכט <u>שווערער</u> דעם לעבן, און ברענגט אריין קאמפליקאציעס אין לעבן - דאס איז פונקט דער היפך:

ס׳איז נאך ניטא אזויפיל בלי-סדר, און אזויפיל קאמפליקאציעס וואס ווערט אריינגעבראכט אין יעדער הויז (אפילו פון ניט-אידן) דורך דערויף וואס מ׳מישט זיך אין סדרי החיים, ווי אט דער ענין וואס ווערט אנגערופן בשם פעמילי פלענינג,

וכאמור, דאס איז ניט א זאך וואס מ׳דארף זוכן אין מוסר-ספרים, יעדערער וואס לייענט צייטונגען אפילו, און דער וואס ווייס וואס עס טוט זיך בא דאקטוירים (ר"ל, מ׳זאל צו דערויף ניט דארפן אנקומען) - וועט ער זען וואס דאס האט אנגעמאכט, ר"ל וואס פאר א שינויים (וואס פאר א ענדערונגען) אין אידישע הייזער, און אזוי אויך אין ניט-אידישע הייזער,

וכאמור, אבער, אז דער אויבערשטער האט געגעבן יעדער מענטשן, און זיכער א אידישע פרוי, אן עקרת הבית, די אלע כחות מיט די אלע מיטלען אז זי זאל קענען איינפירן אין דער הויז, און ווי געזאגט פריער - אין אלע הייזער ארום זיך, און איינווירקן אויף אלע אידישע פרויען אז זיי זאלן אויך גיין אין דעם וועג -

מ׳זאל זיך ניט מישן אין דעם אויבערשטן׳ס סדרים, אפהיטן אין דער שטרייננסטער מאס (ווארום דאס איז די בעסטע מאס) די געזעצן און די דינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט טהרת המשפחה,

און איבערלאזן די חשבונות וויפל איז גוט פאר דער פאר-פאלק האבן זין און טעכטער - ווייס דער איין און איינציקער - ווייס דאס דער בורא האז"ט ומנהיגו, דער אויבערשטער וואס ער באשאפט יעדער מענטשן, און ער פירט אן מיט יעדער מענטשן,

ווי תורת הבעש"ט אז ער איז אויף אים משגיח (ער גיט אויף אים אכטונג) מיט א השגחה פרטית, מיט א השגחה וואס דער אויבערשטער אליין גיט זיך אפ מיט יעדער איינצלהייט פון יעדער אידן אין זיין טאג-טעגלעכן לעבן -

איז דאך א זיכערע זאך אז נאר ער קען באשליסן, און דערנאך אויך איז ער דער וואס גיט דערנאך די ברכה אז דער באשלוס זאל ארויסקומען בפועל, אז מ'זאל געבענטשט ווערן מיט דער צאל קינדער וואס זיי זיינען גוט פאר דער הויז,

און ער וועט זיכער אויך זען (ווי געזאגט פריער) אז עס וועט זיין "בני", און דאס וועט זיין פארבונדן מיט חיי - ערשט דעמולט וועט דאס זיין א לעבן א נארמאלער, און א גוטער, און א אידישער לעבן,

און דאס איז אויך פארבונדן [מיט] "ומזוני": בשעת דער אויבערשטער גיט פרנסה און מ'דארף דאס ניט (פאר קיין אידישע הויז געדאכט) צאלן דערפון א דאקטער, וואס ער דארף בארואיקן די פאר-פאלק, דערפאר וואס זיי פירן אן אומנארמאלן לעבן, ניט ע"פ שו"ע, מיט די באגרעניצונגען -

איז גיט דער אויבערשטער "ומזוני רויחי" - אז זיי האבן אין פרנסה וואס מ'זאל דאס נוצן מערניט ווי אויף ברייטע זאכן, און גוטע זאכן, און הייליקע זאכן, און געזונטע זאכן,

ווארום עס וועט זיין א געזונטער פאטער, און א געזונטע מוטער, און געזונטע קינדער,

און זיי וועלן העלפן אויפבויען אז עס זאל זיין דער גאנצער אידישער פאלק, א געזונטער פאלק,

און מ'וועט האבן א געזונטע וועלט ארום זיך, אנהויבנדיק אין דער באציאונג פון דער וועלט צו אידן, אז עס וועט זיין א געזונטע, און דערנאך וועט דאס אויך מיטברייגנען אז די וועלט ארום וועט ווערן א געזונטע,

דורך דערויף וואס יעדערער וועט ניט פארטראכטן זיך אז וואס וועט זיך שוין געענדערט אין וועלט, אז אן איין און איינציקע פרוי אדער אן איין און איינציקע פרוי וועט ענדערן איר אויפפירונג - ווי אזוי קען דאס האבן א ווירקונג אויף די גאנצע שכונה ארום איר, אדער אויפן גאנצן אידישן פאלק, אדער אויף דער גאנצער גאולה -

פסק'נט דער רמב"ם אז א איד האט בכח, ווען ער טרעפט נאר צו פירן זיך ווי דער אויבערשטער וויל, דורך איין און איינציקע מעשה איבערוועגן די גאנצע וועלט, און ברענגען א ישועה און א הצלה פאר דער גאנצער וועלט,

וואס דאס איז געזאגט געווארן אויף יעדער גוטער מעשה, ווער רעדט נאך וועגן א זאך וואס איז פארבונדן מיט אויפשטעלן דורות בישראל, קינדער וואס זיי וועלן האבן קינדער און עס וועט זיין קינדס-קינדער וואס וועלן זיך פירן אין א גוטן סדר, וואס דאס איז דער סדר וואס שטייט אין תורה, ווערט דאס אויפגעטאן אנהויבנדיק פון אן איין און איינציקע פעולה, פון אן איין און איינציקע אידישע פרוי,

ובפרט נאך ווי געזאגט פריער, אז דאס ווערט אנגענומען אלס אן אנהויבס פון א נייער תקופה אין די טעטיקייטן פון נשי ובנות חב"ד,

און גלייך מפרסם זיין און וויסן אז דאס איז געמיינט נשי ובנות ישראל כולן, אין אלע ענינים פון אידישקייט, אנהויבנדיק אבער פון די עיקר'דיקע זאכן אין דערויף - וואס דאס איז איינע פון די עיקר'דיקע זאכן פון די וואס זיינען שוין חתונה-געהאטע און אויפגעבויט עקרת הבית,

אפילו אויך פון די באבעס מיט די זיידעס, אז זיי זאלן טאן וואס עס הענגט אפ אן זיי, איינצואווירקן אויף זייערע קינדער און קינדס-קינדער, אין אלגעמיין אויף ושמרו דרך ה', עאכו"כ (זיכער) אין אזא עיקר'דיקן אופן,

און אט דעמולט איז מען זיכער אז הבא לטהר מסייעין אותו, דער אויבערשטער זאגט-צו, אז יעדערער וואס וועט טאן אין דער ריכטונג וועט ער אליין אים העלפן,

ובפרט נאך אז דאס איז א זאך וואס מסיבות שונות ומשונות (ווי געזאגט פריער) רעדט מען ניט וועגן דערויף:

עס קומען פאר אסיפות פון פרומע אידן, און פון פרומע פרויען, און מ'רעדט וועגן אלע גוטע זאכן, און מ'שעמט זיך צו רעדן וועגן אזא עיקר אין אידישן לעבן! און אין לעבן ווי געזאגט פריער - ביז וואנעט אז דאס איז אן עיקר אין דעם לעבן פון דער מענטשהייט בכלל,

וכאמור, ווי ס'האט געטראפן מיט פילע זאכן, וואס האט זיך אנגעהויבן פון נשי ובנות חב"ד - אז בשעת זיי האבן אנגעהויבן אין דערויף טאן, איז געווען גלייך אזוינע וואס זיינען געקומען מיט טענות, אז עס טויג ניט, ס'איז ניט צוגעפאסט וכו' -

דערנאך איז דורכגעגאנגען א קורצע ווײלע, האבן זיי דאס אויך באשטאנען אז ניט נאר מ'מעג דאס טאן, נאר מ'דארף דאס טאן, און מ'מוז דאס טאן, און דערנאך איז דאס פארשפרייט געווארן אין פארשידענע קרייזן,

איז אויך א זיכערע זאך, וויבאלד אז דאס איז דעם אויבערשטן'ס אנזאג - אז פון אייך וועט ארויסגיין דער ערשטער רוף [אין א צניעות'דיקן אופן, און אין א פאסענדן לשון, און מדינה ומדינה כלשונה, אין יעדער מדינה אין איר לשון], אז מ'דארף וויסן זיין אז די וועלט ווערט אנגעפירט פון דעם אויבערשטן, און זי ווערט אנגעפירט אין אלע אירע איינצלהייטן, און ער האט געגעבן יעדער אידן, און אלע אידן נר מצוה ותורה אור, א תורת חיים וואס מאכט ליכטיק דעם אידישן לעבן,

און ווען גייט מען באור און ניט בחושך, אין ליכטיקייט, וואס דעמולט ווערט מען ניט געשטרויכלט - ווען מ'האלט זיך אן אן דעם אויבערשטן'ס מצוות, און אן דעם אויבערשטן'ס שו"ע, און מ'לאזט איבער די חשבונות צו דעם אויבערשטן,

ובפרט נאך - אזוינע חשבונות וואס זיי זיינען קעגן און שטערן מקיים זיין דאס וואס עס שטייט אין שו"ע בשמחה ובטוב לבב,

און ווי געזאגט פריער, ס'איז א זיכערע זאך, און מ'זאגט דאס דערפאר כדי מ'זאל זיך ניט דערשרעקן, אז אנהויבן טאן אין דעם וועלן דאך גלייך קומען צוגיין אזוינע וואס וועלן (מאיזה סיבה שתהי') אנהויבן טענה'ן אז היתכן, און וואו איז דאס די צניעות, און ווי אזוי איז דאס ארויסגעהאלטן, און דאס קען שטערן צו געזונט וכו' -

איז זיי אליין וויסן אז אדרבה, די פלעניגנג שטערט צום געזונט, שטערט צו שלום בית, שטערט צו אויפבויען דעם אידישן פאלק, און שטערט, ווי די גמרא זאגט בפירוש, אראפברייננגען משיח צדקנו,

ויה"ר אז יעדערע פון אייך זאל זיך נאכאמאל ארייננטראכטן, ביז וואנעט אז די וועט קומען צו דעם באשלוס, און ווי געזאגט פריער - ס'איז א זיכערע זאך אז די וועט קומען צו דעם באשלוס, ווארום דאס איז די אנווייזונג פון אונזער תורה וואס ווערט אנגערופן תורת אמת, די תורה וואס גיט ארויס די אמת'ע אמת'קייט פון יעדער זאך, און פון אלע זאכן, און א זיכערע זאך אז זי גיט ארויס די אמת'קייט פון אמת'ן אידישן לעבן,

וואס דערפאר איז יעדער אידישע פרוי וועט זיכער קומען צו דעם זעלבן באשלוס,

און זי וועט דעמולט קענען רעדן אין דברים היוצאים מן הלב, מיט הארציקע ווערטער, צו יעדער אידישע פרוי, אז זי זאל רחמנות האבן אויף זיך, און אויף איר מאן, און אויף אירע קינדער, וואס האבן טענות אז מ'וויל האבן נאך א ברודערל, אדער מ'וויל האבן נאך א שוועסטערל,

און מ'האט זיי ניט וואס צו ענטפערן,

און אט דעמולט אז עס וועט זיין דברים היוצאים מן הלב, וועט דאס זיכער זיין נכנסים אל הלב, ווארום דאס רעדט זיך וועגן א אידישע הארץ, וואס (ווי דערמאנט פריער) זאגט מען אז לבי ער, אז אפילו זייענדיק אין גלות, איז א אידישע הארץ וואך צו יעדער זאך פון אידישקייט, און זיכער צו אזא עיקר'דיקע זאך,

און מ'וועט אויפשטעלן פונקט ווי ס'איז געווען בשעת יציאת מצרים, וואס דעמולט איז אויך געווען אזוינע וואס האבן גע'טענ'הט וואס האט דאס פאר א זין צו האבן קינדער ר"ל בשעת ס'איז דא א גזירה פון פרעה, און מען געפינט זיך אין גלות, און דער מאן דארף ארבעטן עבודת פרך, מיט די אלע טענות משונות,

וואס איצטער חזר'ט מען זיי איבער, נאר וואס דען - אויף ענגליש אדער אביסעלע פארפוצט מיט אנדערע ווערטער, אדער אין אנדערע לשונות!

און אט דעמולט זיינען געווען די נשים צדקניות, אידישע פרויען, וואס דאס איז געווען יעדער אידישע פרוי וואס איז געווען דעמולט אין גלות, (א חוץ איין און איינציקע ופרסמה הכתוב),

איז אלע אידישע פרויען און טעכטער האבן זיך ניט גערעכנט מיט פרעה, זיך ניט גערעכנט מיט שרי פרעה, זיך ניט גערעכנט מיט אלע טעמים און הסברות און חשבונות ווי אזוי איז דאס אויסגעהאלטן - בשעת פרעה האט געגעבן די גזירה פון כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו, מיט די אלע אריכות הגזירות דאן,

און אט די נשים צדקניות האבן אויפגעשטעלט צבאות ה', אידישע קינדער, אינגעלאך און מיידעלאך, וואס דערנאך זיינען זיי געווארן דעם אויבערשטן'ס חיילים, און אנשי צבא, און זיי זיינען דערנאך ארויס פון ארץ מצרים, און מקבל געווען די תורה אין זמן מתן תורתנו,

און אויך דעמולט האט מען געזאגט אז ווער זיינען געווען די ערבים וואס זיי האבן גע'פועל'ט בא דעם אויבערשטן דורך זייער ערבות און גאראנטיע אז דער אויבערשטער זאל געבן די תורה צו משה רבינו און צו אהרן כה"ג און צו די שבעים זקנים - איז דאס געווען אידישע קינדער וואס זיינען אויפגעהאדעוועט געווארן דורך די אידישע מוטערס ווען מ'איז נאך געווען אין גלות,

און הם הכירוהו תחלה, זיי זיינען געווען די וואס האבן דערקענט דעם אויבערשטן (און געטלעכקייט און אידישקייט) פריער נאך פאר די אלע איבעריקע,

און דערנאך האט מען די הבטחה אז כימי צאתך מארץ מצרים, און ווי עס שטייט

אין מדרש אז פונקט אזוי ווי אין דעם לעצטן דור אין מצרים זיינען אידן ארויס
פון גלות בזכות נשים צדקניות,

אט אזוי אויך אין דעם לעצטן דור פון איצטיקן גלות, ובפרט נאך אז אין דעם
איצטיקן דור האלט מען אין די לעצטע יארן, און אין די יארן האלט מען אין די
לעצטע חדשים, און אין די חדשים האלט מען אין די לעצטע וואכן, צו גאולה האמיתית
והשלימה ע"י משיח צדקנו -

דארף מען האבן דעם שטורעמדיקן אויפטו פון נשי ובנות ישראל, וואס דאס דארף
מען אויך האבן אין דערויף א שטופ, דורך א שטורעם מיט א שטופ נאך פון עמעצן -

וואס דאס האבן דעם זכות די וואס האבן זיך צוזאמענגעקליבן אין דעם מקום
קדוש, וואו מ'דאווענט, און מ'לערנט, אז זיי זאלן ארויס מיטן פעסטן באשלוס אויף
טאן אין דעם אין א פאסענדן אופן, אין א צניעות'דיקן אופן, אבער מיט דער גאנצער
אידישער שטארקייט, און מיט די גאנצע אידישע שטאלצקייט,

אז מ'וועט קומען צוגיין און מ'וועט זאגן אז דאס איז ניט מאדערן און דאס
איז אנטקעגן "קאלטשור", און דאס איז אנטקעגן די אלע זאכן וואס האבן ר"ל געבראכט
די גזירות און (ניט איצטער-געדאכט) די השמדות וואס זיי זיינען געקומען אויף
אידן און אויף אידישקייט,

און די יורשים זייערע זיינען אויך נאך איצטער קיימים פון היטלער ימח שמו
וזכרו, נאר זיי געפינען פארשידענע וועגן ווי אזוי ניט לאזן דעם אידישן פאלק
וואקסן ברוחניות, ווי אזוי ניט לאזן דעם אידישן פאלק וואקסן בגשמיות,

ביז וואנעט אז עס האט זיך איינגעגעבן אויך איינרעדן אזוינע אידן וואס
קלייבן זיך ניט פאנאנדער און מיינען אז דער קלוגינקער מיינט דאס זייער טובה,

איז יעדער אידישע פרוי, און יעדער אידישער מאן געהערן צו עם חכם ונבון,
צו א קלוגן פאלק, ניט מצד כחי ועוצם ידי, אייגענע קלוגשאפט, נאר מ'האט חכמתו
של הקב"ה, מ'פירט זיך לויט דער חכמה פון דעם אויבערשטן, וואס ער האט דאס אונז
געגעבן אין זיין תורה, דורך דערויף וואס מ'לערנט תורה, און די הויפט-זאך -
מען פירט זיך לויט די תורה,

און דעמולט וועט מען זיכער מצליח זיין, אז זי און אלע אידישע פרויען וועלן
אויפשטעלן אין דעם איצטיקן גלות און דער עקבתא דמשיחא, אין די לעצטע טעג פון
דעם גלות, צבאות ה',

אידישע קינדער וואס זיי וועלן גיין אין דעם אידישן וועג, וואס דאס איז
דעם אויבערשטן'ס וועג, און וועלן דאס טאן געזונטערהייט און פריילעכערהייט,
און מיט אידישן שטאלץ, ווארום דער פאטער מיט דער מוטער האבן זיי באוויזן א
ביישפיל ווי אזוי א איד דארף זיין שטאלץ מיט זיין אידישקייט,

און דוקא דורך אט דעם וועג האט ער אויך דעם קיום פון דעם יעוד, אט דאס
וואס דער אויבערשטער האט צוגעזאגט אז אלע פעלקער ארום אים אנערקענען אים אז
דאס איז א פאלק וואס אתה בחרתנו מכל העמים ורוממתנו מכל הלשונות,

און די מוטערס מיט די פאטערס מיט די קינדער און די קינדס-קינדער מיט די
באבעס מיט די זיידעס, וועלן גיין באור ה', מיט דעם אויבערשטן'ס ליכטיקייט,
מיט זיין תורה און מיט זיינע מצוות, און מיט אידישקייט אין אלגעמיין, בקרוב
ממש מקבל זיין פני משיח צדקנו,

אין דעם אמת'ער און אין דער פולסטער און אין דער שלימות'דיקער גאולה,
במהרה בימינו ממש,

און איר וועט האבן א געזונטן זומער און א פריילעכן זומער, און א אידישן זומער, מיט געזונטע קינדער און קינדס-קינדער,

און גיין צוזאמען אין ארה"ק, אין אונזער הייליקן לאנד, און מ'וועט געפינען א גאנצע אידישע לאנד, מיט א גאנצן אידישן פאלק, ווארום מ'גייט מיט דער גאנצער תורה,

בשמחה ובטוב לבב.

א געזונטן זומער און א הצלחה'דיקן זומער, און פריילעכע בשורות.

* * *

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

בס"ד. שיחת ש"פ שלח, מבה"ח תמוז ה'תש"מ.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט שבת קודש מברכים חודש תמוז.

וואס דערמיט וואס דער שבת איז שבת מברכים החודש, גלייכט ער זיך אויס מיט אלע שבת מברכים החודש שבכל השנה כולה.

ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט (וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר ברענגט אראפ[1]), אז דער כח מיט וועלכן אידן צייגען מברך אלע חדשים (בשבת מברכים החודש), נעמט זיך דערפון וואס דער אויבערשטער איז מברך חודש תשרי בשבת מברכים חודש תשרי,

וואס די ברכה פון דעם אויבערשטן איז "אתם נצבים היום כולכם לפני ה' אלקיכם ראשיכם שבטיכם גו' מחוטב עציך עד שואב מימיך"[2], מיט די שאר הפרטים אויסגערעכנט אין פסוק [וואס שבת מברכים חודש תשרי איז דאך דער לעצטער שבת פון חודש אלול, ווען מ'לייענט בתורה פ' נצבים (אדער פ' נצבים-וילך), וואס "פרשה זו קודין לעולם קודם ר"ה"[3]],

ביז אז די ברכה איז לעולמי עד ולעולמים, ווי ער זאגט ווייטער אין פסוק[4] "לעברך בברית ה' אלקיך גו'", וואס א ברית איז לעד ולעולמי עולמים[5].

און דאס גיט כח אז אידן זאלן קענען ממשיך זיין און בענטשן און מוסיף זיין משלהם, בברכת החודש, יעדער שבת מברכים החודש בכל השנה.

ב. וואס דערמיט גלייכן זיך אויס אלע שבת מברכים החודש שבכל השנה.

דערנאך קומט צו דאס וואס יעדער חודש האט זיין ענין פרטי, וואס דערמיט טיילט ער זיך אויס פון שאר החדשים.

ועד"ד ווי עס איז בנוגע צו ימים:

פון איין זייט זיינען אלע ששת ימי השבוע (אדער שבעת ימי בראשית) איין ענין, וואס אין דעם זיינען אלע ימים בשוה;

לאידך גיסא איז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'", ווי עס שטייט אין זהר[6].

- ועד"ז -

------------

1) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לא. וש"נ. 2) נצבים כט, ט-י. 3) לקו"ת ר"פ נצבים. ע"פ הוד"ה קללות שבת"כ - מגילה לא, ב. טושו"ע או"ח סתכ"ח ס"ד. 4) שם, יא. 5) ראה לקו"ת שם כד, ב. 6) ח"ג צד, ב.

ועד"ז, ועאכו"כ, איז בנוגע צו חדשים:

פון איין זייט זיינען אלע חדשים גלייך, כנ"ל;

לאידך גיסא האט איך זיך יעדער חודש א באזונדער ענין וואס טיילט אים אויס פון שאר החדשים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו שבת מברכים החודש, אז יעדער שבת מברכים החודש האט אין זיך אן ענין וואס גלייכט אים אויס מיט אלע שבת מברכים החודש, און ער האט אויך א באזונדער ענין וואס טיילט אים אויס פון אלע אנדערע שבת מברכים החודש.

ג. וואס אע"פ אז אין דעם ענין פון שבת מברכים החודש זיינען דא רזין און רזין דרזין דאורייתא, ועד"ז ענינים עמוקים אויך אין הלכה, אין נגלה דתורה -

מוז אבער אויך זיין אן ענין פשוט אין שבת מברכים החודש, וואס איז שייך צו יעדן איינעם, אויך צו א פשוט שבפשוטים, ווארום דער ענין פון שבת מברכים החודש איז פארבונדן מיט יעדן אידן, אפילו מיט א פשוט שבפשוטים.

וואס אמת טאקע אז שבת מברכים החודש, און קביעות החדשים, איז פארבונדן (בפנימיות ובפשטות) מיט ב"ד וואס זיינען סמוכים איש מפי איש ביז משה רבינו[7], און אפילו בזמן הזה, וואס מ'איז ניט מקדש ע"פ הראי' - איז קביעות החדשים תלוי אין דעם חשבון וואס הלל און זיין ב"ד האבן געמאכט[8] -

צוזאמען דערמיט אבער, איז עס אויך פארבונדן מיט כאו"א מישראל, ווארום יעדער איינער איז זיך משתתף אין ברכת החודש בשבת מברכים החודש.

ביז אז אפילו די וואס געפינען זיך ניט אין בית הכנסת בשעת ברכת החודש בציבור - זיינען זיי זיך אויך משתתף אין דעם אדער מען איז זיי משתף, ע"ד ווי די גמרא[9] זאגט אז תפלת ציבור איז כולל אין זיך אויך דעם "עם שבשדות".

קומט דאך אויס אז דער ענין פון ברכת החודש איז שייך צו יעדן אידן, אויך צו א פשוט שבפשוטים,

במילא דארפן אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט שבת מברכים החודש, זיין פארשטאנדיק אויך בפשטות צו א פשוט שבפשוטים.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין האמור, אז דאס

- וואס -

------------

7) רמב"ם הל' קדה"ח רפ"ה. 8) ראה תולדות תו"א ערך הלל אחרון. 9) סוף מס' ר"ה.

וואס אין יעדער שבת מברכים החודש איז דא א באזונדער ענין - דארף דאס זיין פארשטאנדיק אויך בפשטות.

ד. פון וואנעט קען אן איש פשוט ארויסנעמען דעם ענין וואס דערמיט טיילט זיך פאנאנדער איין שבת מברכים מיט א צווייטן שבה מברכים?

איז דאס אויך פארשטאנדיק בפשטוה:

דורך דעריויף וואס מ'קוקט זיך צו צו (אדער מ'פרעגט זיך נאך וועגן) די מאורעות מיוחדות, די ספעציעלע פאסירונגען, וואס האבן געטראפן אין א חודש מסוים - קען מען וויסן מיט וואס דער חודש טיילט זיך אויס פון שאר החדשים, ועד"ז איז מובן בנוגע צו דעם שבת מברכים ההודש.

ווארום דאס גופא וואס די מאורעות האבן געטראפן אין דעם חודש מסוים איז בהשגחה פרטית, ובמילא באווייזט דאך דאס אז די מאורעות זיינען פארבונדן מיט דעם חודש דוקא.

און דערפאר איז אויך - בשעת מ'וויל ארויסנעמען א הוראה פון א חודש מסוים, און פון שבת מברכים פון יענעם חודש - דארף מען עס ארויסנעמען פון די מאורעות וואס האבן פאסירט אין יענעם חודש.

ה. וואס אע"פ אז א חודש איז דאך כ"ט אדער ל' יום, און די מאורעה זיינען פארבונדן נאר מיט איין טאג, אדער מיט צוויי טעג, אדער מיט כמה ימים פון דעם חודש, נים מיט אלע טעג פון דעם חודש -

פונדעסטוועגן, פירן אן און יזיינען משפיע די מאורעות מיוחדות פון דעם חודש אויף דעם גאנצן חודש.

בדוגמא ווי דער טאג פון ראש חודש, וואס כאטש אז ער איז נאר איין טאג אין חודש, איז ער אבער כולל אין זיך און פירט אן מיט כל ימי החודש[10].

וואס דאס איז נאר געזאגט געווארן בנוגע צו ראש חודש, נים בנוגע צו א טאג באמצע החודש; אבער אויך אין אמצע החודש איז דא בדוגמת דעם ענין, אז בשעת אין יענעם טאג (אדער טעג) האבן געטראפן מאורעות מיוחדות, איז דאס משפיע און פירט אן און האט א ווירקונג אויף שאר ימי החודש.

וע"ד ווי דאס איז אין הודש סיון:

מ"ת איז געווען נאר איין טאג אין חודש, ו' סיון,

- פונדעסטוועגן -

---

10) ראה לקו"ת ר"ה נח, א. לקו"ש ח"ב ע' 490 ואילך.



הנחה הת' בלתי מוגה

פונדעסטוועגן פארבינדט מען דעם טאג ביטן גאנצן חודש, ווי די גמרא[11] זאגט, אז "אוריאן תליתאי" (די תורה וואס איז געגעבן געווארן בא מ"ת) איז פארבונדן מיט "ירחא הליתאי", מיט גאנץ חודש סיון.

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די מאורעות פון שאר החדשים, אז זיי זיינען פארבונדן מיטן גאנצן חודש, ועד"ז בנוגע צו חודש זה, חודש תמוז.

וכמודגש כמ"פ, אז די הוראה וואס איז פארבונדן מיט א געוויסן חודש, איז א הוראה ניט נאר פאר יענעם חודש, נאר עס איז א לימוד והוראה ונתינת כח אויף אלע חדשים,

ס'איז מערניט וואס בחודש זה איז די הוראה בגילוי און בהדגשה, אבער אין עבודת האדם דריקט זיך אוים מעין זה בכל החדשים.

ו. פון די ימים מיוחדים אין חודש תמוז - זיינען: ערב ראש חודש, ראש חודש, ערב שבת, שבת, און מוצאי שבת,

דאס זיינען אבער ימים מיוחדים וואס זיינען דא בכל חודש וחודש בשוה;

א יום מיוחד וואס איז דא במיוחד נאר אין חודש תמוז, איז - י"ז בתמוז, אדער ט' תמוז, וואס דעמולט איז "הובקעה העיר" [בידוע די מחלוקת פון בבלי און ירושלמי, צי ט' תמוז איז מצד דעם וואס "קילקול חשבונות יש כאן"[12], אדער אז דעמולט איז "הובקעה העיר" בבית ראשון[13], וכמדובר אמאל בארוכה[14].

עכ"פ סיי י"ז תמוז, און סיי ט' תמוז, האבן דעם זעלבן תוכן - דעמולט איז "הובקעה העיר"].

דערנאך אין דורות שלאח"ז איז נתגלה געווארן נאך אן ענין אין חודש תמוז - דער חג הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז.

ז. וואס דער חג הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז איז ניט כדעת הטועים (מיט א טי"ת) והתועים (מיט א תי"ו) (אדער המטעים, וואס זיי אליין ווייסן דעם אמת, זיי ווילן נאר מבלבל זיין אנדערע) - אז דאס איז פארבונדן נאר מיט אן איש פרטי מסוים, אדער אפילו אויב ער איז געווען אן איש כללי - איז ער פארבונדן נאר מיט א כלל און א חוג מסוים -

- נאר -

------------

11) שבת פח, א. 12) ירושלמי תענית פ"ד ה"ה.
13) תענית כח, סע"ב. 14) לקו"ש י"ב-י"ג תמוז תשל"ח ס"א ובהערות שם.

נאך דאס איז פארבונדן און דאס איז נוגע צו אלע אידן, ווי דער בעל הגאולה אליין שרייבט במכתבו הידוע (דשנת תרפ"ח)[15], אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם את כל מחבבי תורתנו הק׳, שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה".

וואס דערפון וואס ער האט דאס געשריבן אין א בריוו, און אויף דעם גע׳חתמ׳ט, און געהייסן אפדרוקן - איז א ראי׳, אז מיטן שרייבן דאס איז אים ניט געווען נוגע קיינע ענינים צדדיים, נאר ער האט עס געשריבן להודיע האמת, אז די גאולה פון י"ב-י"ג תמוז איז נוגע צו אלע אידן.

ח. און ווי מ׳זעט עס אויך בפשטות (דאס איז ניט קיין ענין פון סודות הנשמה וכו׳):

אין דער צייט ווען ס׳איז געווען דער מאסר וגאולה פון י"ב-י"ג תמוז, איז רוב מנין און רוב בנין פון אידן געווען במדינה ההיא.

וואס די סיבה וואס האט געבראכט צו דעם מאסר (ובמילא צו דער גאולה) איז געווען - דאס וואס דער בעל הגאולה האט זיך עוסק געווען אין הפצת היהדות צווישן אלע אידן במדינה ההיא.

ביז ווי מ׳זעט דאס בפועל - אז יארן נאך דערויף וואס ס׳איז געווען די גאולה, ביז צו שנת הש"מ, וואס דאס איז מיט עטליכע און פופציק יאר זינט דעמולט - זיינען דא פירות און פירי פירות פון אידן וואס זיינען דעמולט (בשעת הגאולה) געווען אין דער דרגא פון "בשם ישראל יכונה" - און איצטער האבן זייי קינדער און אייניקלעך וואס זיינען מקיים תומ"צ, ביז אין אן אופן פון הידור מן ההידור.

וואס דאס וואס עס זיינען היינט דא די פירות און פירי פירות - איז צוליב דעם וואס דעמולט איז געווען די גאולה, און דער בעל הגאולה האט דערנאך געקענט ממשיך זיין בעבודתו פון הפצה היהדות

ביז נאכמער:

דער בעל הגאולה האט אויפגעשטעלט תלמידים, און תלמידי הלמידים, און ער האט זיי מחנך געווען אין א כיוון מיוחד, אז זיי זאלן טאן אין הפצת היהדות, ביז - דערגרייכן א אידן וואס געפינט זיך אין א פנה נדחה און ווייסט בכלל ניט פון אידישקייט, און צוברענגען אויך צו אים אידישקייט.

- קומט -

---

15) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע׳ קמו ואילך. הש"ח ע׳ 263 ואילך.

קומט דאך דערפון אויס, אז דאס וואס מ׳קומט אן היינט צו-טאג צו א אידן וואס געפינט זיך אין א פנה נדחה, אין "קצה השמים", און מ׳ברענגט אים אן עניין פון אידישקייט - איז א תוצאה ישרה פון דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, וואס האט גע׳פועל׳ט אז דער בעל הגאולה זאל קענען ממשיך זיין אין אויפשטעלן די תלמידים.

ואין כאן המקום להאריך בזה, וואס באמת האט אן ארט צו מאריך זיין אין דעם בי"ב און י"ג תמוז עצמו - מ׳האט עס נאר דערמאנט איצטער בהמשך להאמור לעיל וועגן די מאורעות מיוחדות בחודש זה, און די הוראה וואס מ׳דארף פון דעם ארויסנעמען.

ט. ווי דערמאנט פריער (ס"ו) איז דער ערשטער (- בזמן) יום מיוחד אין חודש תמוז - י"ז (אדער ט׳) תמוז, וואס אין דעם טאג איז "הובקעה העיר", ד.ה. אז מ׳האט דעמולט געשפאלטן די חומה ארום ירושלים, און צוליב דערויף האט מען קובע געווען א תענית לדורות.

דער לימוד מיוחד אין דערויף:

דער עניין פון א חומה אין עבודת האדם איז - א סיג לתורה, און ווי עס שטייט אין היינטיקן פרק[16] אז ר׳ עקיבא רעדט וועגן כמה סיגים לתורה.

קען מען דאך מיינען אז בשעה עס רעדט זיך ניט וועגן אנרירן אן עיקר אין יהדות, אדער א מ"ע ומל"ת מן התורה, אדער אפילו א מ"ע ומל"ת מדרבנן - נאר עס רעדט זיך מערניט ווי וועגן אנרירן א סיג אין תורה, וואס ער איז נאר א "חומה" ארום תורה ומצוותי׳, אבער ניט אן עניין פון תומ"צ אליין - איז וואס איז אזוי דער גוואלד, וואס איז אזוי דער אלארם: דאס איז סיי-ווי ניט קיין עניין פון תורה ומצוותי׳, איז ווען הארט עס אז מ׳וועט דאס אנרירן?!

לערנט אונז שבעה עשר בתמוז, אז אפילו אז מ׳האט ניט אנגערירט קדה"ק, און אפילו ניט דעם ביהמ"ק, און אפילו ניט ירושלים - גוי׳שקייט האט נאר אנגערירט די חומה __ארום__ ירושלים - האט מען גלייך געמאכט א שטורעם, און מ׳האט גלייך קובע געווען א תעניה __לדורות__!

וואס דא קען מען לכאורה פרעגן די זעלבע שאלה:

וואס איז אזוי דער געוואלד אז מ׳האט אנגערירט און געשפאלטן די חומה ארום ירושלים - דאס איז דאך ניט דער בית המקדש, דאס איז מערניט ווי א וואנט ארום ירושלים,

- און -

---

16) פ"ג מי"ג.

און מ׳פארלאזט זיך אויף דעם אויבערשטן, אז ער וועט ניט צולאזן מ׳זאל אנקומען צו דעם ביהמ"ק - וואריב "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[17] אין אלע ענינים גשמיים און ענינים רוחניים, ועאכו"כ אז ער היט דעם ביהמ"ק - וועט ער זיכער קיינעם ניט צולאזן צום ביהמ"ק!

אמת טאקע אז לכתחלה טאר מען קיינעם ניט צולאזן אנרירן די חומה, אבער נאך דעם וואס מ׳רירט עס אן - איז וואס איז דער טשורעם, ביז אז מ׳איז גלייך קובע א תענית לדורות?!

און דאס (קובע זיין א תענית לדורות צוליב "הובקעה העיר") - טענה׳ט ער - איז ניט אויסגעהאלטן ע"פ תורה, ווארום עס דארף זיין בטחון אין דעם אויבערשטן,

ואדרבה - דאס באווייזט אויף היפך פון דעם ענין פון בטחון אין דעם אויבערשטן -

ווארום בשעת מ׳האט בני חיי ומזוני און רויחי - דארף מען ניט אנקומען צו דעם ענין הבטחון - מ׳האט דאך טוב הנראה והנגלה!

ווען דארף מען אנקומען צו דעם ענין הבטחון - בשעת מ׳שפאלט די חומה ארום ירושלים - האט מען בטחון אין דעם אויבערשטן אז ער וועט ניט לאזן אז מ׳זאל גיין ווייטער צום ביהמ"ק וכו׳.

און ניט נאר אז ער האט בטחון, און בפועל טוט ער גארניט - נאר ער שרייט אז ער איז גרייט צו מלחמה האבן אויף ניט צולאזן צו נאר אנרירן דעם ביהמ"ק, די עזרה און דעם קודש הקדשים!

נאר צוזאמען דערמיט זאגט ער, אז דאס טוט ער אין דרך הטבע, דערפאר וואס "אין סומכין על הנס"[18] - אבער דער עיקר ביי אים איז דער בטחון אין דעם אויבערשטן אז דער אויבערשטער וועט העלפן, און אלץ וועט זיך אויסלאזן צום גוטן.

י. זאגט מען אים אז נאכמער: נוסף צום בטחון אין דעם אויבערשטן, דארף ער אויך טאן זאכן וואס פארבינדן אים מיט דעם אויבערשטן.

ד.ה.: מ׳דארף טאקע טאן בדרך הטבע, ווארום "אין סומכין על הנס" - ביחד עם זה אבער דארף אויך זיין "אין

- לנו -

---

17) תהלים קכא, ד. 18) ראה פסחים סד, ב. זח"א קיא, ריש ע"ב. ועוד.

לנו להשען אלא על אבינו שבשמים"[19], ביז אז דאס גופא וואס מ'טוט אין דרך הטבע איז - דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, בבילא איז דאס גופא וואס ער טוט אין דרך הטבע איז פארבונדן מיט דעם אויבערשטן.

יא. וואס דאס איז דער ענין פון קובע זיין א תענית בשעת מ'רירט אן די חומה ארום ירושלים, דער סיג אין תורה.

והביאור בזה:

דער ענין התענית איז ע"ד דער ענין פון "אדם כי יקריב מכם"[20], "מכם ממש", ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת[21], אז ער איז זיך מקריב צו דעם אויבערשטן, וואס דאס טוט ער דורך דערויף וואס ביי אים איז דא דער "מיעוט חלבו ודמו" - דער ענין התענית[22].

און דערפאר, ווען עס קומט צו א מעמד ומצב וואס מ'האט אנגערירט א סיג, א חומה פון תורה - לערנט מען אפ פון שבעה עשר בתמוז אז מ'דארף טאן זאכן וואס פארבינדן דעם מענטשן מיטן אויבערשטן, וואס דאס איז דער "מיעוט חלבו ודמו" פון דעם מענטשן, דער ענין התענית, ע"ד ווי ס'איז דא בפועל בשבעה עשר בתמוז.

נאר מיט דעם חילוק:

בשבעה עשר בתמוז דארף מען פאסטן כפשוטו ע"פ תורה;

משא"כ אבער אין א פאל וואס מ'דארף נים פאסטן ע"פ תורה, ובמילא טאר מען נים פאסטן [בידוע[23] אויף וויפל מ'איז געווארנט נזהר נים צו מצער זיין דעם גוף האדם וואס ער איז "קנין הקב"ה"[24]] - איז דעמולט דער "מיעוט חלבו ודמו" אין רוחניות.

והביאור בזה:

"חלב" גייט אויף דעם תענוג האדם אין ענינים גשמיים;

און "דם" גייט אויף דער רתיחה און קאך פון דעם אדם אין ענינים גשמיים[25],

און בשעת עס קומט א מצב וואס בעצם דארף מען אנקומען

- צו -

---

19) ראה סוטה בסופה. 20) ויקרא א, ב. 21) ויקרא ב, ג. 22) ברכות יז, א. וראה אגה"ת פ"ב (צא, ב). 23) ראה שו"ע אדה"ז חו"מ הל' נזקי גוף ונפש ודיניהם ס"ד. 24) רמב"ם הל' רוצח ושמירת נפש פ"א ה"ד. רדב"ז הל' סנהדרין ספי"ח. 25) לקו"ת פינחס עח, סע"א ואילך. סה"מ קונטרסים ח"ב שעג, ב ואילך. ובכ"מ.



הנחה הת' בלתי מוגה

צו א תענית (צוליב דעם וואס מ'האט אנגערירט א סיג אין תורה וכיו"ב), ס'איז מערניט וואס מצד דעם וואס ס'איז דעמולט אסור צו מאכן א תענית, דערפאר איז ער ניט בתענה -

איז דעמולט באשטייט זיין תענית פון "מיעוט חלבו ודמו": ער איז זיך מונע פון האבן א תענוג און א קאך אין ענינים גשמיים.

וואס דאס איז דער לימוד וואס מ'לערנט אפ פון שבעה עשר בתמוז על כל הזמנים.

יב. דער לימוד פון י"ב-י"ג תמוז (וואס איז אויך פארבונדן מיט דעם לימוד הנ"ל פון שבעה עשר בתמוז, כדלקמן):

ס'איז געווען א מלוכה אדירה, וואס האט געהאלטן מלחמות מיט אנדערע מדינות און איינגענומען כמה פון זיי, און אלע אנדערע מדינות האבן פאר איר מורא געהאט וכו'.

איז געווען איין איד, וואס האט ניט געהאט קיין ארמיי, און ניט געהאט קיינע שלוחים און אמבאסאדארן, און קיין גרויסע געלטער האט ער אויך ניט געהאט,

און דער איד האט זיך אוועקגעשטעלט און אויסגערופן - לעיך כל, אז ווען עס קומט צו אן ענין פון אידישקייט דארף מען ניט נתפעל ווערן פון דער מלוכה אדירה,

און דערפאר דארף מען גיין בויען חדרים, מקוואות, און בתי כנסיות, און מחזק זיין די בתי כנסיות וכו' וואס זיינען שוין דא,

און אע"פ אז די מלוכה אדירה זאגט אז ס'איז אסור צו טאן די זאכן - איז אבער ווען עס רירט אן אן ענין פון אידישקייט איז ניטא דער ענין פון "דינא דמלכותא דינא"[26][27], ובלשון הידוע[28]: אונזערע נשמות האט מען אין גלות ניט פארטריבן.

און דער איד האט געוואוסט אז דורך דערויף וואס ער פירט זיך אזוי שטעלט ער זיך איין אין סכנה, אין אן ענין וואס קען ברענגען דעם ענין המאסר.

ביז אז אזוי איז טאקע געווען בפועל - מ'האט אים אריינגעזעצט אין מאסר.

ביז - אז בשבת מברכים החודש תמוז איז ער געווען - במאסר -

---

26) גיטין י, ב. וש"נ. 27) ראה אנציקלופדי' תלמודית בערכו ס"ג (ע' ש). וש"נ. 28) לקו"ד כרך ד תרצב, א.

במאסר, וואס דער מאסר האט זיך אנגעהויבן בט"ו סיון[29], אין "קיימא סיהרא באשלמותא"[30] פון חודש סיון.

וואס פאר י"ב תמוז האט מען געקענט לערנען כמה פשטים ורמזים - ווי קומט עס אז מ'זאל אים ארייננעמען אין מאסר אין דעם טאג פון "קיימא סיהרא באשלמותא" פון "ירחא תליתאי" וואס איז פארבונדן מיט "אוריאן תליתאי",

און ווי קומט עס אז ער איז נאך געזעסן אין תפיסה בשבת מברכים החודש תמוז, וואס דאס האט גורם געווען אז ער זאל ניט קענען מברך זיין דעם חודש בשלימות, ווארום זייענדיק אין הפיסה איז ניט געווען קיין ספר תורה, און בימה, און א ציבור,

אמת טאקע אז ער איז געווען א יחיד וואס "רבים צריכין לו"[31] - ס'איז אבער פארט אינו דומה תפלתו (אויך פון אזא) פאר-זיך, לגבי תפלתו מיט א ציבור כפשוטו -

דאס איז אבער אלץ פאר י"ב תמוז (בשנה ההיא); משא"כ י"ב תמוז האט מגלה געווען דעם ענין הגאולה, און אז "הכל הולך אחר החיתום"[32],

ואדרבה: די כוונה פון דעם מאסר איז געווען נאר צוליב די גאולה וואס איז דערנאך געווען, וואס דאס האט אויפגעטאן אז אלע זיינע ענינים זאלן זיין ביתר שאת וביתר עוז.

ווי מ'האט געזעהן בפועל, אז אע"פ וואס פאר דעם מאסר והגאולה האט ער געטאן אין אלע זיינע ענינים - איז אבער נאך דער גאולה האט ער אין די ענינים געטאן נאך מערער.

ועד"ז איז נאך די גאולה צוגעקומען נאכמער אין די פעולות פון הולכים בדרכיו ובאורחותיו.

ביז אז די גאולה איז געווען א גאולה פאר אלע אידן, "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם את כל מחבבי תורתנו הק', שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה", וואס דאס איז כולל אלע אידן,

ביז אז אויך מיט יארן נאך דער גאולה, ביז אויך אין שנת תש"מ - זעט מען פירות און פירי פירות פון די פעולות פון דעם בעל הגאולה, ביז אז דאס וואס עס קומט אן אידישקייט צו א אידן וואס געפינט זיך אין א פנה נדחת איז א הוצאה ישרה פון דער גאולה מיט עטליכע און פופציק יאר צוריק, כנ"ל (ס"ח).

- יג. -

---

29) היום יום ע' ע. לקו"ד שם הריא, א. 30) ראה זח"א קנ, א. ח"ב פה, א. ובכ"מ. 31) ראה מו"ק כא, א. 32) ברכות יב, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

יג. דער קשר פון דעם לימוד וואס מ'לערנט ארויס פון י"ב-י"ג תמוז מיט דעם לימוד וואס מ'לערנט ארויס פון שבעה עשר בתמוז:

שבעה עשר בתמוז לערנט אונז, אז אפילו אויף א סיג און חומה אין תורה דארף מען זיך שטעלן מיט כל התוקף, און קובע זיין א תענית לדורות וכו', כאטש אז דאס איז ניט קיין ענין פון תומ"צ אליין.

עד"ז לערנט אונז י"ב-י"ג תמוז, אז ווען עס קומט צו אן ענין וואס רירט אן אידישקייט, תומ"צ, און אפילו מנהגי ישראל, דארף מען פון קיין זאך ניט נתפעל ווערן און זיך שטעלן מיטן גאנצן תוקף דאס ניט צולאזן.

יד. בפרטיות יותר:

ע"ד ווי עס זיינען דא דרגות אין עולם - ס'איז דא די מציאות הדבר, און דערנאך איז דא די חומה וואס איז ארום דער זאך -

עד"ז זיינען דא דרגות אין תורה - ס'איז דא דער עצם ענין פון תומ"צ, און דערנאך זיינען דא די סיגי התורה, וואס זיינען ווי א חומה ארום תורה.

עד"ז זיינען אויך דא דרגות אין אידן - פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך",

וואס די דרגא פון "חוטב עציך" און "שואב מימיך" איז דער סוג הכי התחון צווישן אידן, ואין ענין יוצא מידי פשוטו: "חוטב עציך" און "שואב מימיך" זיינען א הכשר און גרייטן צו פאר "ראשיכם שבטיכם", זיי זיינען בדוגמא ווי דער ענין פון א חומה ארום "ראשיכם שבטיכם".

וואס דער סוג אידן ("חוטב עציך" און "שואב מימיך") איז ע"ד דער סוג וואס דער בעל הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז שרייבט במכתבו - "את אשר בשם ישראל יכונה", ד.ה. ס'איז א סוג פון אידן וואס שרייען אז דער נאמען "ישראל" איז גאר ניט זייער אמה'ער נאמען, נאר א כינוי שלהם[33], וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז דאס איז דער סוג הכי התחון צווישן אידן.

לערנט אונז שבעה עשר בתמוז, אז מ'דארף באווארענען ניט נאר אן ענין פון תומ"צ אליין, נאר אויך א סיג און א חומה ארום תומ"צ, וואס איז לכאורה באי"ע נידעריקער פאר עצם הענין פון תומ"צ.

- עד"ז -

------------

33) ראה לקו"ש ה"א ע' 330. ובכ"מ.

עד"ז לערנט אונז י"ב-י"ג תמוז, אז די גאולה איז געווען ניט נאר פאר "מחבבי תורתנו הק'" און פאר "שומרי מצוה" - נאר אויך פאר "את אשר בשם ישראל יכונה", דער סוג הכי תחתון צווישן אידן,

ד.ה. אז י"ב-י"ג תמוז לערנט אונז, אז מ'דארף באווארענען אויך א איד וואס איז מערניט ווי "בשם ישראל יכונה", פונקט'אזוי ווי דער בעל הגאולה האט זיך איינגעשטעלט אויך פאר דעם סוג פון אידן.

טו. אין דעם קישור צווישן י"ב-י"ג תמוז מיט שבעה עשר בתמוז קומט צו נאך א נקודה:

דער חג הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז וואס קומט פאר שבעה עשר בתמוז איז ע"ד דער ענין פון "מקדים רפואה למכה"[34]. והביאור בזה[35]:

מ'האט געזעדם פריער (סי"ב) אז די גאולה פון י"ב תמוז האט מגלה געווען אז א איד שטעלט זיך בכל התוקף בנוגע צו ענינים פון אידישקייט, איז אפילו אויב דאס ברענגט צו שוועריקייטן, ביז אז דאס ברענגט צו דעם ענין המאסר רח"ל - איז אבער די כוונה פנימית פון דעם מאסר, אז דערנאך זאל מען ארויסקומען פון דעם מאסר ביתר שאת וביתר עוז, אין א העכערן אופן ווי מ'איז געשטאנען איידער דעם מאסר,

און ווי מ'האט געזעהן בפועל נאך י"ב תמוז דעמולט, אז אלע ענינים פון דעם בעל הגאולה זיינען געווארן ביתר שאת וביתר עוז מערער ווי לפני המאסר.

ועד"ז טוט אויף דער ענין פון גאולת י"ב-י"ג תמוז אין שבעה עשר בתמוז דערמיט וואס זי איז "מקדים רפואה למכה":

די כוונה פנימית פון דעם צום פון שבעה עשר בתמוז, איז[36] (ניט דער ענין הצום, נאר) אז דער צום זאל נתהפך ווערן "לששון ולשמחה ולמועד(ים) טוב(ים)"[37], עס זאל זיין דער "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[38],

וואס דאס איז ניט נאר אן ענין ע"פ פנימיות העניינים וואס שטייט אין זהר - נאר דאס איז א פסוק, ביז אז דער רמב"ם פסק'נט אזוי אין זיין ספר יד החזקה[39] וואס איז "הלכות הלכות"[40], נגלה דהורה.

- און -

---

34) ראה מגילה יג, ב. 35) ראה לקו"ש י"ב-י"ג תמוז הנ"ל ס"ה ואילך. 36) ראה לקו"ש שם ס"ג ואילך. 37) זכרי' ח, יט. 38) ע"פ ל' הכתוב - קהלת ב, יג. ודאה בהנסמן בלקו"ש שם הע' 49. 39) סוף הל' העניות. 40) רמב"ם בהקדמתו לספרו (קרוב לסופה).

און דעם כח אז דאס זאל אזוי ווערן לע"ל - האט מען דערפון וואס מ'איז "מקדים רפואה למכה" פון דעם י"ב-י"ג תמוז וואס קומט פאר שבעה עשר בתמוז.

טז. די הוראה בפועל מהאמור לעיל:

מ'דארף גיין אין אלע ענינים פון אידישקייט בכל התוקף, ניט נתפעל ווערן פון קיינע שוועריקייטן, ווארום מ'ווייסט אז מ'טוט וואס דער אויבערשטער וויל, און מ'ווייסט אז מ'איז א שליח פון דעם אויבערשטן.

און דערפאר, איז אפילו ווען עס קומט צו א סיג בתורה - רעכנט מען זיך ניט מיט די גרעסטע מלוכה.

און דעם נתינת כח דערצו נעמט מען פון שבת מברכים חודש תמוז וואס דאס וואס דער חודש ווערט אנגערופן "תמוז" איז בכלל א דבר פלא - ווארום "תמוז" איז גאר א נאמען פון אן ע"ז[41], ווי גערעדט אמאל בארוכה[42],

וואס דעמולט בענטשט מען מיט אלע ששה לשונות דעם חודש תמוז, וואס אין אים איז דא י"ב-י"ג תמוז און שבעה עשר בתמוז, און מ'איז מסיים "ונאמר אמן".

און אין ברכת חודש תמוז האט מען אויך דעם כח פון דעם אויבערשטן וואס ער האט געבענטשט חודש השרי, כנ"ל פון תורת הבעש"ט.

יז. און אע"פ אז בענטשן דעם חודש איז טאקע א וויכטיקע זאך און א גרויסע זאך - דארף אבער די הוראה אראפקומען אין א מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[43] - אז מ'זאל זיך פירן און גיין בפועל אין דעם דרך פון ניט נהפעל ווערן פון קיינע שוועריקייטן.

און אפילו אויב מ'זעט ניט קיין וועג אז מ'זאל מצליח זיין - איז "בהדי כבשי דרחמנא למה לך"[44].

און דעמולט איז א זיכערע זאך אז "הבא לטהר מסייעין אותו"[45], און אויב עס וועט נאך זיין "יגעת" וועט זיכער זיין "ומצאת"[46] - ס'איז נאר א נפק"מ צי דער "ומצאת" וועט זיין לאחר זמן, אדער ער וועט זוכה זיין און גלייך זעהן פרי טוב בעמלו, ביז "עולמך הראה בחייך"[47].

- יח. -

---

41) יחזקאל ה, יד ובפרש"י. 42) לקו"ש שם ס"ב. 43) אבות פ"א מי"ז. 44) ברכות י, א. 45) שבת קד, א. וש"נ. וראה לקו"ה שמע"צ פח, ב. 46) מגילה ו, ב. 47) ברכות יז, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

יח. בכדי מ'זאל דאס ניט פארפירן אין השכלה - חי"ר'ט מען איבער נאכאמאל, אז דער עיקר איז די מעשה בפועל,

אז עס זאל זיין ילך לבטח דרכו[48] בתוקף הכי גדול, און זיך ניט דערשרעקן און ניט נתפעל ווערן פון קיינע שוועריקייטן און בלבולים אין דעם דרך - ווארום - ווייסט אז מ'גייט בשליחותו של הקב"ה, בייגט מען זיך ניט אפילו אויף א סיג שבתורה.

און מ'גייט מיט דעם כח פון שבת מברכים וואס איז מברך דעם חודש מיט די ששה לשונות - "לחיים ולשלום, לששון ולשמחה, לישועה ולנחמה", ביז כ'איז מסיים "ונאמר אמן" - וואס "אמן" גיט א קיום און אן אמת אין דער זאך[49].

ביז אז דורך דערויף איז מען מנצח די מלחמה, ווי עס שטייט אין סיום פון מסכת נזיר בנוגע צו "גדול העונה אמן יותר מן המברך".

ביז אז מ'קומט צו דער "ישועה" און "נחמה" כפשוטה ואמיתית - דער "נחמו נחמו"[50] אויף דעם ענין הגלות, און די ישועה כפשוטה - די גאולה האמיתית והשלימה,

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

יט. האמור לעיל איז בנוגע צו שבת מברכים חודש תמוז בכל שנה ושנה;

דאס גופא קען דאך אבער אויסקומען בכמה סדרות אין תורה, ועד"ז אין כמה ימים בחודש סיון; עס קומט אלעמאל אויס אין חודש סיון. אין סיון קען דאס אבער אויסקומען בכמה ימים - און בקביעות שנה זו קומט עס אויס אין שבת פ' שלח, און אין כ"ג סיון.

וע"פ הורת הבעש"ט[51] - דארף מען אויך דערפון ארויס-נעמען א הוראה.

כ. אנהויבנדיק פון דעם ענין פון כ"ג סיון:

דער טאג כ"ג סיון ווערט דערמאנט אין הושב"כ, און אין הושב"כ גופא - אין א חלק וואס האט א שייכות ניט נאר צו גדולים, נאר אויך צו קטנים - אין מגילת אסתר.

- ואדרבה: -

------------

48) ע"פ ל' הכתוב - משלי ג, כג. 49) ראה אוה"ת עקב ע' תקיח. תקנא. 50) ישעי' מ, א. 51) ראה כש"ט הוספות אות קכז-קכט. וראה גם שם אות קיט ואילך. וש"נ.



הנחה הת' בלתי מוגה

ואדרבה: קינדער פארנעמען נאך מערער אן ארט בשעת קריאת המגילה און שמחת פורים ווי גדולים.

ווי מ'זעט עס בפועל, אז בשעת קריאת המגילה זיינען זיי (קינדער) בשמחה און זיי טומלען מיט גראגער'ס וכיו"ב.

און בשעת עס זיינען געווען אזוינע וואס האבן געוואלט ממעט זיין אין דעם מנהג, ווייל דאס שטערט צו קריאת המגילה, און ס'איז דא די שאלה פון בל-השחית וכו', ווי עס ווערט געבראכט אין אחרונים[52] –

האט מען געזאגט אז מ'זאל בשום אופן ניט אנרירן א מנהג וואס קינדער קאכן זיך אין דערויף[53], און "מנהג ישראל תורה הוא"[54].

כא. דערציילט די מגילה[55] אז "בעת ההיא בחודש השלישי הוא חודש סיון בשלשה ועשרים בו ויקראו סופרי המלך" [וואס "המלך" גייט בפשטות אויף מלך אחשורוש], "ויכתב ככל אשר צוה מרדכי אל היהודים ואל האחשדרפנים והפחות ושרי המדינות אשר מהודו ועד כוש שבע ועשרים ומאה מדינה, מדינה ומדינה ככתבה ועם ועם כלשונו ואל היהודים ככתבם וכלשונם".

ד.ה. אז בכ"ג בסיון האט זיך אויפגעטאן אז די גזירה פון מלך המדינה קעגן אידן איז בטל געווארן,

און מרדכי האט דאס געהייסן די "סופרי המלך" צו שרייבן צו אלע אידן און צו אלע אנשי המדינה – אז אלע זאלן וויסן, אז די אלע גזירות פון דעם מלך, איז אע"פ וואס "כתב אשר נכתב בשם המלך ונחתום בטבעת המלך אין להשיב"[56] – איז אבער איצטער, האט דער זעלבער מלך מבטל געווען די גזירות,

ביז אז די בריוו וואס מרדכי האט געהייסן ארויסשיקן זיינען געווען געשריבן "בשם המלך אחשורוש" און גע'חתמ'ט "בטבעת המלך"[57],

ביז אז דער מלך אליין האט געהייסן די "רוכבי הרכש" (וואס האבן געטראגן די ספרים צו אלע מענטשן), אז זיי זאלן זיך היילן בזריזות הכי גדולה – "הרצים רוכבי הרכש האחשתרנים יצאו מבוהלים ודחופים בדבר המלך"[58].

- כב. -

---

52) ספר יפה ללב (להר"ר רחמים יצחק פאלאגי) לשו"ע או"ח סו"ס תר"צ (ח"ב פד, סע"ב ואילך). הובא בשד"ח אס"ד מערכת פורים ס"י (א'שפט, סע"ב). 53) ראה רמ"א או"ח סו"ס תר"צ סי"ז. 54) תוד"ה נפסל – מנחות כ, ב. 55) ח, ט. 56) שם, ח. 57) שם, י. 58) שם, יד.



הנחת הת' בלתי מוגה

כב. די הוראה דערפון איז מובן בפשטות, ובפרט אז מ׳פארבינדט די הוראה מיט דער הוראה המדוברת לעיל וואס מ׳נעמט ארויס פון גאולת י"ב-י"ג תמוז המדוברת לעיל:

פונקט אזוי ווי דער בעל הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז האט באוויזן די וועג אז ווען עס קומט צו אידישקייט דארף מען ניט נתפעל ווערן אפילו פון א מלוכה אדירה, און דעמולט פירט מען סוף כל סוף אויס, מיט די אלע פרטים ווי גערעדט פריער -

עד"ז לערנט אונז דאס וואס ס׳איז געשען בכ"ג בסיון בזמן אחשורוש - אז אפילו ווען מ׳געפינט זיך אין זמן הגלות, "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[59], דארף מען אויסרופן גלוי לעין כל, אז "לא יכרע ולא ישתחוה"[60] - מ׳וועט קיין זאך ניט נאכגעבן בנוגע צו ענינים פון אידישקייט.

און דעמולט, איז אע"פ וואס ס׳איז געווען א גזירה - פירן אבער סוכ"ס אויס מרדכי היהודי ואסתר המלכה, און לויט ווי זיי זיינען מחליט אזוי בלייבט עס, און עס ווערט בטל די גזירה,

ביז אז דער מלך אליין האט חרטה פון זיין ערשטע גזירה, און ניט סתם חרטה - נאר ער שיקט שלוחים, די "רצים" און "מבוהלים ודחופים", אז זיי זאלן גיין מיט דער גרעסטער זריזות און איבערגעבן אלעמען אז די גזירה איז בטל געווארן.

און ניט סתם בטל געווארן - נאר דער מלך האט אויך געגעבן אידן רשות "להקהל ולעמוד על נפשם להשמיד להרוג ולאבד את כל חיל עם ומדינה הצרים אותם גו׳"[61].

וואס דאס ווערט אלץ אויפגעטאן דורך דערויף וואס אידן שטייען התוקף אין ענינים פון תורה ומצוותי׳, און בשעת תורה הייסט טאן א זאך - ווערט מען ניט נתפעל פון קיינע שוועריקייטן.

וואס דאס איז דער לימוד על כל הזמנים וואס מ׳נעמט ארויס פון כ"ג בסיון ווארום עס דארף זיין "הימים האלה נזכרים ונעשים"[62] - עס דארף זיין א זכירה כדבעי אין וואס עס האט געטראפן כ"ג בסיון, וואס דעמולט קומט עס אראפ אין "ונעשים", אין מעשה בפועל, אז אלע ענינים זאלן געטאן ווערן כדבעי.

כג. עד"ז איז דא א הוראה פון פרשה שלח:

- אין -

---

59) מגילה יד, א. 60) ל׳ הכתוב - אסתר ג, ב. 61) שם ח, יא. 62) ל׳ הכתוב - שם ט, כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט.

איך פ׳ שלח ווערט דערציילט וועגן די מרגלים, וואס זיי זיינען געווען נשיאי ישראל, וואס משה האט זיי געשיקט "לתור את ארץ כנען"[63], צו זעהן "את הארץ מה היא ואת העם היושב עלי׳ החזק הוא הרפה המעט הוא אם רב, ומה הארץ אשר הוא יושב בה הטובה היא אם רעה ומה הערים אשר הוא יושב בהנה הבמחנים אם במבצרים וגו׳"[64].

דערציילט די פרשה ווייטער, אז קומענדיק צוריק "מתור הארץ"[65], זיינען די מרגלים געקומען צו משה ואהרן און צו אלע אידן, און זיי געזאגט[66]: "אפס כי עז העם היושב בארץ והערים בצורות גדולות מאד וגם ילדי הענק ראינו שם", און דערפאר, האבן זיי גע׳טענה׳ט, איז אוממעגליך צו איינעמען די לאנד - "לא נוכל לעלות אל העם כי חזק הוא ממנו"[67],

און זיי האבן ממשיך געווען[68]: "הארץ אשר עברנו בה לתור אותה ארץ אוכלת יושבי׳ היא וכל העם אשר ראינו בתוכה אנשי מדות".

און דער עיקר וואס זיי האבן גע׳טענה׳ט צו די אידן איז געווען - אז אויב מ׳וועט זיך צו זיי (צו די מרגלים) צוהערן, וועט עס דאטעווען די אידן פון א סכנה בפועל ממש.

דערנאך דערציילט די פרשה אז עס האט זיך בפועל אויס-געוויזן פונקט פארקערט:

צוליב דעם וואס אידן האבן געפאלגט די מרגלים האט עס גורם געווען א "בכי׳ לדורות"[69], און עד היום הזה פילט מען די הוצאות בלתי רצויות וואס זיינען ארויס פון די מרגלים, און ווי עס שטייט אין שו"ע הל׳ תענית[70] אז אין דעם טאג וואס מתו המרגלים פאסט מען.

משא"כ "יהושע בן נון וכלב בן יפונה חיו מן האנשים ההם"[71], ווי דער פסוק דערציילט ווייטער.

כד. התורה היא נצחית[72] - וואס דער פירוש אין דעם איז ניט נאר אז דער חלק אין תורה איז נצחי, נאר אויך דאס וואס תורה איז מלשון הוראה[73] - איז נצחיה עד סוף כל הדורות.

ובפרט אין דעם זמן וועז מ׳לייענט און מ׳לערנט דעם חלק אין תורה - וואס דעמולט דארף מען זיכער ארויסלערנען א הוראה פון דעם חלק אין תורה, כהודת אדה"ז[74] אז מען דארף

- לעבן -

---

63) פרשתנו יג, יז. 64) שם, יח ואילך. 65) ל׳ הכתוב - שם, כה. 66) שם, כח. 67) שם, לא. 68) שם, לב. 69) תענית כט, א. במדב"ר פט"ז, כ. ועוד. 70) סתק"פ ס"ב. 71) פרשתנו יד, לה. 72) תניא רפי"ז. 73) זח"ג נג, ב. 74) היום יום ע׳ קא. סה"ש הש"ב ע׳ 29 ואילך.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשת השבוע וואס מ'לייענט אין דער צייט.

לפ"ז איז ניט פארשטאנדיק בנוגע צו דער פרשה וועגן די מרגלים בפרשתנו:

וואס איז דא די הוראה נצחית פון דעם עד סוף כל הדורות - ס'איז דאך מאי דהוה הוה[75]: ס'איז נוגע לכאורה נאר צו דער צייט ווען דאס האט געטראפן בפועל, אין מדבר, א יאר נאך מ"ת - אבער צו די יארן נאך דערויף האט דאס לכאורה קיין שייכות ניט.

אפילו אז מ'וועט זאגן אז דאס איז געווען נוגע אלע ארבעים שנה במדבר - וואס איז דאס אבער נוגע אין ארץ ישראל, ועאכו"כ - וואס איז דאס נוגע נאך כיבוש יהושע, נאך דעם בית ראשון און נאך דעם בית שני, ביז - אין שנת תש"מ אין גלות אין ארה"ב?!

כה. והביאור בזה - ובהקדם:

אלע ענינים אין גשמיות נעמען זיך און ווערן נשתלשל פון זייער ענין ברוחניות - "שנשתלשלו מהן"[76].

ובדוגמא ווי דאס איז בא א מענטשן, אז אויב ער איז נאר א נארמאלער, איז איידער ער טוט עפעס בפועל, באטראכט ער דאס פריער בשכלו וכו', און לויט דעם איז ער מחליט ווי ער זאל טאן די עשי' בפועל.

ד.ה. אז צום ערשטן קומט דער ענין הרוחני דנשמתו (שכל, הרגש וכו'), און פון דעם ווערט נשתלשל די פעולה הגשמית דגופו.

און וויבאלד אז די התחלה און שרש פון יעדער זאך איז דער ענין הרוחני שבו, איז דאך מובן, אז אפילו ווען (מצד איזה סיבה) עס ווערט ניט נשתלשל בגשמיות, איז אויך דעמולט פארבלייבט די התחלה און דער שרש פון דער זאך, דער ענין הרוחני שבו.

און ווי מען זעט עס ביי קרבנות, אז אויך לאחרי חורבן ביהמ"ק ווען ס'איז בטל געווארן קרבנות בגשמיות, איז פארבליבן דער ענין הרוחני דקרבנות, וואס דאס איז דער ענין התפלות וואס "במקום קרבנות תקנום"[77].

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו פ' שלח און די פרשה פון די מרגלים:

- דער -

75) ראה יומא ה, ב. 76) ראה תניא רפ"ג. 77) ראה ברכות כו, ב.

דער ענין פון די מרגלים בגשמיות איז געווען נאר איין מאל, א יאר נאך מ"ת; אבער ברוחניות הענינים איז דא דער ענין פון די מרגלים בכל הזמנים, ביז בדורנו זה, ועד סוף כל הדורות.

כו. והביאור בזה:

דער ענין פון "שלח לך אנשים ויתורו את ארץ כנען אשר אני נותן לבני ישראל"[78] ברוחניות הענינים ובעבודת האדם – איז:

א איד דארף ארויסגיין אין וועלט, אין "ארץ כנען", און באקוקן איר ווי מ'דארף איר איינעמען און מאכן פון איר "ארץ ישראל", "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[79], און "ארץ" – "שרצתה לעשות רצון קונה"[80], "ישראל" – "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל"[81].

ובלשון ההלכה[82] – אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[83].

קומט צוגיין דער יצה"ר און טוט זיך אן ווי א צווייטער איד, און טענה'ט: "עז העם היושב בארץ": די ארציות און גשמיות און חומריות העולם איז צו שטארק אז מ'זאל עם קענען איינעמען און מאכן פון דעם א הכשר מצוה, ועאכו"כ א מצוה אליין!

טענה'ט דער איד צוריק: דער אויבערשטער האט דאך מיר אראפגעשיקט אין וועלט, אין ארץ, בכדי צו איר איבערמאכן, אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"?!

ענטפערט אים דער יצה"ר: איך קום ניט על דעת עצמי צו זאגן אז "עז העם היושב בארץ", אז די ארציות ותומריות העולם איז צו שטארק מ'זאל עם איבערמאכן – איך בין א שליח פון משה רבינו, וואס ער האט מיר געשיקט אין "ארץ" צו זעהן וואס פאר אן ארץ דאס איז!

כז. דערנאך איז ער צו זיך מצרף נאך ניין אידן, ווערט דאס אן עדה קדושה, וואס דאס זיינען די צען מרגלים (ולפלא אז דעם ענין אז אן עדה קדושה איז עשרה לערנט מען אפ דוקא פון די צען מרגלים[84]!),

– און –

------------

78) פרשתנו יג, ב. 79) עקב יא, יב. 80) ב"ר פ"ה, ח. 81) וישלח לב, כט. 82) ראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ב. 83) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. 84) מגילה כג, א ובפרש"י. סנהדרין ב, כע"א. פרש"י עה"פ פרשתנו יד, כז. ועוד.



הנחה בלתי מוגה

און זיי קומען און רעדן אלע מיט דעם זעלבן נוסח און זעלבן סגנון, און זיי באווייזן דעם אידן א גע׳חתמ׳טע פאפירל אז זיי זיינען שלוחים פון משה רבינו, ווי עס שטייט "שלח לך", "וישלח אותם משה", וואס דאס באווייזט אויף דעם ענין השליחות.

און זיי שרייען אז זיי זיינען שלוחים אין דעם ענין גופא - צו זעהן וואס פאר אן "ארץ" דאס איז -

במילא זאגן זיי צו דעם אידן אז "עז העם היושב בארץ" - די וועלט איז צו שווער צו איבערמאכן, במילא בלייב-שטעקן אין "מדבר", בלייב אין דיינע ד׳ אמות און האב ניט צוטאן מיט ארציות און גשמיות והומריות העולם.

זיי דערציילן אבער ניט אז דאס וואס משה האט זיי געמאכט פאר שלוחים איז ניט צו זעהן צי מ׳קען איינעמען ארץ כנען, און דערנאך זאגן זייער דעה אין דערויף[85] - נאר ער האט זיי געמאכט פאר שלוחים צו זעהן "את הארץ מה היא ואת העם היושב עלי׳ החזק הוא הרפה המעט הוא אם רב, ומה הארץ אשר הוא יושב בה הטובה היא אם רעה ומה הערים אשר הוא יושב בהנה הבמחנים אם במבצרים", בכדי צו וויסן ווי מ׳זאל אריינגיין אין ארץ כנען[86].

ווארום וויבאלד אז "אין סומכין על הנס", האט משה געוואלט וויסן וועלכע וועג אזן וואס פאר אן אופן מ׳זאל נעמען בכדי צו אריינגיין אין ארץ כנען וכו׳.

און וויבאלד אז די מרגלים האבן משנה געווען שליחותם - זיי האבן געזאגט א דעה צי מ׳זאל גיין אין ארץ כנען אדער ניט - איז א שליח וואס איז משנה שליחותו, ווערט בטל זיין גאנצע שליחות[87].

דאס זיינען זיי אבער מעלים: זיי זאגן נאר אז זיי זיינען שלוחים פון משה רבינו, אבער אז זיי האבן דערנאך משנה געווען שליחותם, און במילא איז נהבטל געווארן שליחותם - דאס באהאלטן זיי!

כח. דערנאך גיט-צו דער יצה"ר:

ניט נאר וואס "עז העם היושב בארץ", אז די וועלט איז צו שטארק מ׳זאל פון איר קענען מאכן "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" - נאר נאכמער: "ארץ אוכלת יושבי׳ היא"[88]:

- אויב -

------------

85) ראה לקו"ש חי"ג ע׳ 39 ואילך. 86) ראה רמב"ן ריש פרשתנו. 87) רמב"ם הל׳ שלוחין ושותפין פ"א ה"ב. טושו"ע חו"מ סקפ"ב ס"ב. 88) בהבא לקמן - ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1043. ח"ח ע׳ 298.

דער פירוש אין דעם[94] אז זייער היוה האט זיך גענומען "מן האנשים ההם", פון די מרגלים.

ל. ווי אזוי קען מען טאקע וויסן ווער איז גערעכט, צי יהושע און כלב, אדער די איבעריקע מרגלים - וואס די מרגלים שרייען דאך אויך אז זיי זיינען שלוחים פון משה רבינו, במילא דאס וואס זיי זאגן איז ע"פ תורה און ע"פ הוראת משה רבינו?

איז די איינציקע עצה אויף דערויף - צוגיין צו משה רבינו אליין און ביי אים פרעגן, צי מ'זאל זיך איינשליסן אין די אייגענע ד' אמות, און ניט האבן צוטאן מיט א צווייטן אידן, און ניט האבן צוטאן מיט וועלט, ווארום "ארץ אוכלת יושבי' היא", אדער מ'זאל ארויסגיין אין וועלט און האבן צוטאן מיט אנדערע אידן און מיט איבערמאכן וועלט.

וואס בנוגע לפועל בזמננו מיינט דאס - אז דער איינציקער "אבן הבוחן" ווי מ'דארף זיך פירן בפועל - איז דורך ארייננקוקן אין שו"ע, וואס דער שו"ע האט משה געשריבן מיט טויזנטער יארן צוריק, און זעהן וואס שו"ע האט צו זאגן וועגן דעם.

גיט מען א קוק וואס זאגט משה רבינו אין שו"ע, צי מ'דארף זיך פארשליסן אין די אייגענע ד' אמות, אין א ביהכנ"ס און ביהמ"ד, און ניט האבן צוטאן מיט חלקו בעולם, מיט א צווייטן אידן וכו', אדער ניט -

זאגט שו"ע אז עס דארף זיין "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", ד.ה. אז א איד דארף מאכן פון זיינע מעשים און פון זיינע דרכים - אז זיי זאלן זיין "לשם שמים" און "דעהו".

און מ'זאגט "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" - ד.ה. אז ס'איז ניט מספיק עה זאל טאן איינעם, אדער כמה, פון זיינע ענינים "לשם שמים", און די איבעריקע ענינים וועט ער טאן ווי ביי אים קומט אוים - נאר "כל מעשיך יהיו לשם שמים": אין וואס פאר אן ענין מ'קומט אין באריזונג קען מען, ובמילא - דארף מען עס איבערמאכן און טאן "לשם שמים".

דערנאך זאגט משה רבינו אז "אני נבראתי לשמש את קוני"[95], און דער "קוני" האט געזאגט אז עס דארף זיין "ואהבה לרעך כמוך"[96] - דארף מען האבן צוטאן מיט א צווייטן אידן,

- און -

---

94) שיחת מוצאי ש"פ שלח, מבה"ה תמוז תשל"ט סכ"ב.
95) קידושין בסופה. 96) קדושים יט, יח.

און אויב מ׳פארשליסט זיך אליין און מ׳וויל ניט האבן צוטאן מיט א צווייטן אידן וואס דארף האבן הילף וכיו"ב – איז דאס אן ענין פון "לא תעמוד על דם רעך"[97], ואין מקרא יוצא מידי פשוטו[98].

לא. און מ׳זאגט אים אז ער דארף טאן אין די ענינים אין אן אופן פון "שלח לך . . ויתורו גו׳":

בכדי איבערמאכן וועלט אז זי זאל זיין "לשם שמים" און "דעהו", ועד"ז בשעת מ׳האט צוטאן מיט א צווייטן אידן – דארף מען זיך צוקוקן און זעהן ווי מ׳דארף איר "איינעמען",

וואס דאס מיינט, אז מ׳דארף זיך אראפלאזן לפי דעם מצב פון יעדער פרט במיוחד.

ועד"ז בשעת מ׳האט צוטאן מיט א צווייטן אידן דארף מען צוגיין צו יעדער איד לפי ענינו.

ביז אז אפילו ווען מ׳לערנט מיט א קינד תורה, דארף מען זיך אראפלאזן לפי ערך דעם קינד, ד.ה. לערנען מיט אים ככתבו וכלשונו און לפי ערך זיין שכל.

וואס דערפאר איז אויב דער קינד פארשטייט נאר ענגליש – דארף מען מיט אים לערנען תורה אויף ענגליש.

און אויב איינער וועט קומען צוגיין און זאגן אז ער וויל ביט אים לערנען תורה דוקא אויף לה"ק, אויף דער שפראך וואס מיט איר (וצירופי׳) נברא העולם[99] – איז דאך פארשטאנדיק אז דערפון וועט דער קינד קיין תועלת ניט האבן;

נאר עס דארף זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו"[100], מ׳דארף לערנען מיט דעם קינד אין דער שפראך וואס ער פארשטייט.

און אויב איינער וועט זיך איינשליסן בא זיך – איז ער דורך דערויף ניט מקיים דעם ציווי אין די שליחות זיינע פון "ושננתם לבניך – אלו התלמידים"[101].

ועד"ז בנוגע צו שאר כל הענינים.

לב. וכאמור לעיל, דער "אבן הבוחן" פאר יעדן ענין, צי דאס איז אן ענין וואס שטאמט פון קדושה אדער דאס שטאמט פון דעם יצה"ר איז – דער שו"ע.

– וואס –

---

97) שם, טז. תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ. סנהדרין עג, א. רמב"ם שם פ"א הי"ד. טושו"ע חו"מ סתכ"ו. שו"ע אדה"ז חו"מ הל׳ נזקי גוף ונפש ודיניהם ס"ז. 98) שבת סג, א. וש"נ. 99) ב"ר פי"ח, ד. פל"א, ח. פרש"י עה"פ בראשית ב, כג. 100) משלי כב, ו. 101) ואתחנן ו, ז. ספרי ופרש"י עה"פ.

וואס דאס פארזיכערט א אידן אז ווען איינער וועט קומען און שרייען אז מ'דארף ניט ארויסגיין אין וועלט, ווארום "עז העם היושב בארץ", און נאכמער "ארץ אוכלת יושבי' היא", איז אפילו אויב ער וועט שרייען אז ער קומט בשליחותו פון משה רבינו -

קען מען אריינקוקן אין שו"ע און זעהן דארטן וואס משה רבינו זאגט,

וואס מיט א שו"ע שפילט מען זיך ניט, און בשעת עס שטייט עפעס אין שו"ע דארף מען זיך אזוי פירן, אן קיינע פשט'לעך.

און אז מ'קוקט טאקע אריין אין שו"ע, זעט מען אז משה רבינו זאגט אז עס דארף זיין "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", כנ"ל בארוכה,

וכמדובר כמ"פ[102], אז די הוספה פון "בכל דרכיך דעהו" אויף "כל מעשיך יהיו לשם שמים", איז - אז אין "בכל דרכיך דעהו" איז דא ידיעת הוי' - "דעהו".

לג. דובר ע"ד הוראה שני' מפ' המרגלים - בקשר להמצב באה"ק.

* * *

לד. צוה לנגן ואמר כאמר ד"ה שלח לך אנשים גו'.

* * *

לה. מ'האט דאך איינגעפירט דעם סדר צו רעדן אן ענין אין פ' השבוע וואס איז פארבונדן מיט פרש"י - אן ענין אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך יע, אדער אן ענין אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך ניט, און ער שרייבט ניט אויף דערויף "לא ידעתי", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער פירוש אין דעם ענין איז מעצמו מובן, כמדובר כמ"פ.

עד"ז א משנה (משנות) אין דעם פרק וואס מ'לערנט היינטיקן שבת.

און אויך א הערה אויפן זהר פון פרשת השבוע.

לו. בהמשך צום חטא המרגלים דערציילט ער אין היינטיקער פרשה, אז דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן אז ער וועט שטראפן די אידן: "אכנו בדבר ואורישנו ואעשה אותך לגוי גדול ועצום כמנו"[103].

- אויף -

---

102) ראה לקו"ש ח"ג ע' 907. ח"י ע' 104. ובכ"מ.
103) פרשתנו יד, יב.



הנחה בלתי מוגה

אויף דערויף האט משה גע׳טענה׳ט צום אויבערשטן: בשעה די גוים וועלן הערן אז דער אויבערשטער האט אויסגע׳הרג׳ט די אידן, וועלן זיי זאגן, אז פון מצרים האט דער אויבערשטער געקענט אויסלייזן די אידן, אבער איצטער איז "מבלתי יכולת ה׳ להביא את העם הזה אל הארץ אשר נשבע להם (איז דערפאר) וישחטם במדבר"[104] - "לפי שיושבי הארץ חזקים וגבורים, ואינו דומה פרעה לשלשים ואחד מלכים"[105].

וואס אין דערויף איז דא א קשיא הכי עצומה, און דערנאך א צווייטע קשיא וואס איז נאך שטארקער:

אין מדבר זיינען דעמולט געווען ששים ריבוא אידן, ונוסף לזה זיינען געווען נאכמער נשים וטף, ונוסף לזה זיינען געווען די אידן פחות מבן עשרים ומבן ששים ומעלה, קומט דאך אויס אז עס זיינען דעמולט געווען כמ"פ ששים ריבוא אידן[106] -

איז ווען דער אויבערשטער זאגט "אכנו בדבר", אז ער וועט אויס׳הרג׳נען די אלע אידן - איז ראס מאכט ניט אויס;

וואס מאכט אויס - וואס די גוים וועלן אויף דערויף זאגן, "ואמרו הגוים גו׳ מבלתי יכולת ה׳ גו׳"[107]?!

אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן א בשר ודם, איז פארשטאנדיק בפשטות אז אזא זאך וועט אים הארן א סאך מער ווי דאס וואס אנדערע וועלן רעדן וועגן אים - איז דאך עאכו"כ אז אזוי איז למעלה!

וואס דאס איז א שאלה וואס וועט ווערן בפשטות ביי א בן חמש למקרא (און אפילו בא א בן חמש עשרה לגמרא) גלייך ווען ער וועט לערנען די פסוקים.

**נאך א שטארקערע קשיא:**

די טענה "מבלתי יכולת ה׳ להביא את העם הזה אל הארץ אשר נשבע להם" (דערפאר וואס דארטן זיינען דא די "שלשים ואחד מלכים" וכו׳) וואס משה האט געזאגט אז די גוים וועלן טענה׳ן - איז א טענה שלא במקומה:

גלייך נאך דעם וואס דער אויבערשטער האט געזאגט "אכנו בדבר", האט ער ממשיך געווען: "ואעשה אותך לגוי גדול ועצום ממנו" - ד.ה. אז דער אויבערשטער וועט בפירוש אריינברענגען משה וכו׳ אין ארץ ישראל -

איז היתכן אז משה זאל זאגן אז "ואמרו הגוים גו׳

- מבלתי -

------------

104) שם, טז. 105) פרש"י עה"פ. 106) ראה לקו"ש דברים תשל"פ רס"ה. וש"נ. 107) פרשתנו שם, טו-טז.

מבלתי יכולת ה' להביא את העם הזה אל הארץ אשר נשבע להם"?!

עד"ז זיינען דָא נאך כו"כ דיוקים אין די פסוקים – ולדוגמא אחד מהם:

ווען דער אויבערשטער האט געזאגט אז ער וועט אויס'הרג'נען די אידן האט ער גענוצט דעם לשון "אכנו בדבר", ועד"ז זיינען דא אנדערע לשונות כיו"ב בנוגע צו דעם ענין;

ווען משה האט אבער געזאגט וואס די גוים וועלן טענה'ן – האט ער משנה געווען פון דעם לשון וואס דער אויבערשטער האט גענוצט ("אכנו בדבר") ועד"ז פון שאר הלשונות כיו"ב – און ער האט געזאגט "וישחטם במדבר".

און דערפון וואס רש"י שטעלט זיך ניט אויף די אלע שאלות, איז פארשטאנדיק אז דער ביאור בזה איז מובן מעצמו צו א בן חמש למקרא, ועאכו"כ צו א בן חמש עשרה לגמרא (וואס אויך ביי אים שטעלן זיך די שאלות, כנ"ל),

וכפי שיתבאר לקמן.

לז. אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו, שטעלט ער זיך[108] אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר בריש פרשתנו[109]: "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא, דקב"ה אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו".

איז דער טאטע מבאר אין דער הערה, אז די דריי לשונות ("אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו") זיינען כנגד די ג' חלוקות שבישראל – כהנים לויים און ישראלים, וואס זיי זיינען אויך כנגד די דריי ספירות – חסד גבורה און תפארת, און ער ברענגט דערצו ראיות פון פסוקים, און ער איז עס מבאר ע"פ קבלה וע"פ חסידות בקיצור נמרץ.

האט מען שוין גערעדט אמאל[110] בארוכה, ווי איז שייך זאגן "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא", וואס דאס איז דער ענין הבחירה אין אידן און ניט אין אוה"ע – בשעת אז די מעלות וואס ער רעכנט דא אויס אין אידן, "אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו" וואס זיי זיינען כנגד די ספירות הקדושות – זיינען בכלל ניטא בא גוים,

וכידוע אז בחירה אין א זאך קען מען זאגן נאר בשעת עס זיינען דא צוויי ענינים וואס האבן א שייכות צו דעם ענין וואס מ'זוכט, און מ'זאגט אז ער איז בוחר אין איינע פון

– זיי; –

------------

108) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' טעה. 109) ח"ג קסא, א.
110) לקו"ש שלח תשל"ט.

זיין בשעת אבער עס זיינען דא צוויי ענינים וואס האבן קיין שייכות ניט צו דעם ענין וואס מ'זוכט, איז ניט שייך צו זאגן אז ער האט בוחר געווען אין איין זאך און ניט אין צווייטער.

ולדוגמא:

אז איינער זוכט א דבר חי, איז ניט שייך צו זאגן אז בשעת ער האט א דבר צומח און א דבר חי, איז ער בוחר אין דעם דבר חי, ווארום דאס זוכט ער, ער זוכט ניט קיין צומח; מ'איז נאר שייך צו זאגן אז צווישן צוויי בעלי חיים גופא איז ער בוחר אין איינעם פון זיי און ניט אין דעם צווייטן.

וואס דערפאר זאגט דער אלטער רבי אין תניא [111] אז "ובנו בחרת" איז שייך צו זאגן נאר אין גוף פון א אידן, וואר‎ום דער גוף החומרי איז "נדמה בחומריותו לגופי אומות העולם", משא"כ אין דער נשמה וואס זי איז א "חלק אלוקה ממעל ממש" [112] איז ניט שייך צו זאגן דער ענין הבחירה.

און ווי מ'האט דעמולט מבאר געווען דעם ענין.

לח. אי'צטער וועט מען מוסיף זיין ביאור אין נאך אן ענין אין דעם:

דאס וואס "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא כו'" רעדט זיך וועגן די מעלה פון אידן לגבי גוים, וואס די מעלה באשטייט ניט אין דעם וואס אידן טיילן זיך אין דריי חלקים (כהנים לויים וישראלים), וואס דאס האט קיין שייכות ניט צו גוים - נאר די מעלה בא אידן איז א מעלה וואס איז דא בא אלע אידן בשוה, און מצד דעם איז "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא".

וואס דערפאר מוז מען זאגן אז דאס וואס ער איז מבאר אין דער הערה אז די דריי לשונות זיינען כנגד די ג' חלוקות שבישראל - איז דאס ניט ווי אידן טיילן זיך אין דריי חלקים, נאר יעדער איד בפ"ע האט אין זיך אלע חלקים, ד.ה. אז כהנים זיינען כולל אין זיך לויים וישראלים א.א.וו.

ועי"ד ווי ער איז מבאר אין דער הערה גופא בנוגע צו "ישראל", אז אין "ישראל" גופא זיינען דא אלע דריי ספירות, חסד גבורה און תפארת: "שיר משמאלא, אל מימינא, והם בתיבה אחת הוא ת"ה הכוללם ומחברם".

וכפי שיתבאר לקמן.

לט. אין היינטיקן פרק [113] זיינען דא כמה משנות [114] וואס

- ברענגען -

---

111) פמ"ט. 112) תניא רפ"ב. 113) פ"ג. 114) מי"ג-מט"ז.

ברענגען מאמרים בשם אומרם - רבי עקיבא.

וואס ס'איז דאך ידוע אז בשעת מ'ברענגט א מאמר בשם אומרו - איז עס ניט נאר דערפאר וואס "כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם"[115], נאר אויך דערפאר וואס דער מאמר האט א שייכות מיט דעם בעל המאמר, און מיט דעם נאמען פון דעם בעל המאמר,

ווי די גמרא[116] דערציילט אז "ר' מאיר הוה דייק בשמא", און ווי די גמרא זאגט אין ברכות[117] אז "שמא גרים".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט היינטיקער פרשה, פ' שלח, וואו עס רעדט זיך וועגן די מרגלים, און די תורה רעכנט אויס די נעמען פון אלע מרגלים.

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

אפילו "בגנות בהמה טמאה לא דבר הכתוב"[118] - איז פארוואס רעכנט אויס די תורה די נעמען פון אלע מרגלים?

איז די הסברה בזה:

די גמרא[119] זאגט: "אמר רבי יצחק דבר זה מסורת בידינו מאבותינו מרגלים על מעשיהם נקראו כו'".

ד.ה. אז די נעמען פון די מרגלים וואס ווערן אויסגערעכנט אין תורה זיינען פארבונדן מיט זייערע מעשים, כמדובר אמאל בארוכה[120].

[וצריך ביאור אין דעם וואס אמאל געפינט מען אז די מעשים פון א מענטשן זיינען באופן אחר פון ווי זיין נאמען באווייזט].

וואס וויבאלד אין דער פרשה פון היינטיקן שבת איז מודגש דער קישור פון שמות מיט די פעולות פון די מענטשן וואס ווערן אנגערופן מיט די שמות - איז דאס נאכמער מדגיש דעם ענין אין דעם פרק פון היינטיקן שבת.

וואס דערפאר, איז אע"פ אז מ'האט שוין געלערנט, אדער געזאגט, דעם פרק (פרק ג) פאר מ"ה - איז אבער וועז מ'לערנט דעם פרק נאכאמאל נאך מ"ת אין דעם שבה, שבת פ' שלח, איז דאס אין א העכערן אופן, פארבונדן מיט פ' שלח.

דארף מען פארשטיין בנדו"ד (אין פרקי אבות): וואס איז

- די -

---

115) אבות פ"ו מ"ו בסופה. 116) יומא פג, ב. 117) ז, ב. וראה "התוועדות וביאורים" כ"ק אדמו"ר שליט"א ס"א.
118) ב"ב קכג, א. וראה פסחים ג, א. 119) סוטה לד, ב.
120) לקו"ש שלה תשל"ה.

די שייכות פון די מאמרים וואס רבי עקיבא האט געזאגט, מיט רבי עקיבא אליין, און מיט דברי ימי חייו.

ובפרט אז אין דער צווייטער און דריטער משנה וואס ברענגט זיך בשם פון רבי עקיבא, שטייט ניט "רבי עקיבא אומר" (ווי אין דער ערשטער משנה), נאר "הוא הי׳ אומר", וואס דער חילוק ביניהם איז:

"רבי עקיבא אומר" מיינט אז ער האט געזאגט דעם מאמר איינמאל און מערניט; משא"כ "הוא הי׳ אומר" גיט צו אז ער פלעג שטענדיק (ארומגיין און) זאגן דעם מאמר[121].

וואס דאס איז נאכמער מדגיש די שייכות פון די מאמרים מיטן בעל המאמר - רבי עקיבא.

וכפי שיתבאר לקמן.

מ. בהמשך להאמור לעיל וועגן שמות, ובפרט אז עס האט א שייכות צו די פרשה פון שבת זה, און צו דעם פרק פון שבת זה, כנ"ל - איז כאן המקום צו רעדן וועגן דעם גודל הענין פון האבן אידישע נעמען.

וואס אע"פ אז רבותינו נשיאינו האבן זיך ניט געקאכט און ניט געמאכט קיין שטורעם אין דעם - איז אבער מצד דעם וואס דער חושך הגלות איז געווארן גרעסער, ובפרט אין דעם ענין פון התבוללות, ובפרט מצד דעם חוק האומלל "מיהו יהודי" (וואס מ׳האט עס געגעבן א נאמען "חוק"), אז מ׳פארשרייבט ניט-אידן אלס אידן - דארף מען וואס מערער טאן אין אויפטאן דעם ענין פון "המבדיל בין ישראל לעמים".

וואס דער חוק פון "מיהו יהודי" באווייזט אויף וויפל ס׳איז א חושך הגלות - ווארום אין דעם וואס מ׳פארשרייבט ניט-אידן אלס אידן איז ניטא קיין תועלת!

ואדרבה - דאס איז היפך השכל און היפך הצדק והיושר, ווארום מ׳נארט אפ דעם גוי און מ׳זאגט אים אז ער איז א איד און ער קען ארומגיין מיט א פאפיר און באווייזן אז ער איז א איד, און אז זיינע קינדער און אייניקלעך זיינען אידן - בשעת אידישקייט זאגט אז ער איז ניט קיין איד!

און בשעת א צווייטער איד קומט און וויל מאכן א טומל וועגן דעם - גיסט מען אים אפ מיט קאלטע וואסער, און מ׳זאגט אים: וואס איז דיר נוגע דער "חוק", ווען איז דאס בכלל נוגע, דאס איז ניט קיין ענין עיקרי, און ער קען סיי-ווי גארניט טאן אין דעם וואס וועט העלפן וכו׳!

- אז -

------------

121) ראה רע"ב לאבות פ"א מ"ב.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אז ער אליין טוט ניט אין דעם - איז דאך א דבר הפשוט; דער אויפטו איז - אז ווען עס קומט א צווייטער איד וואס וויל טאן אין דעם, קילט ער אים אפ און ער לאזט אים ניט טאן!

וואס דערמיט נוצט ער אויס זיין כח הבחירה וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן אלס א מתנה, וואס אמיתיה ענין הבחירה איז דא נאר אין עצמות און בא אידן כביכול - אויף אפהאלטן א צווייטן אידן פון טאן אין מתקן זיין דעם חוק האומלל!

מא. וכאמור, מצד דעם חושך כפול ומכופל, בפרט אין דעם ענין פון התבוללות - דארף מען וואס מער אויפטאן דעם "המבדיל בין ישראל לעמים", וואס די הבדלה "בין ישראל לעמים" איז פארבונדן מיט דער הבדלה "בין אור לחושך" און "בין קודש לחול", ווי די גמרא[122] איז מסביר אז די אלע הבדלות זיינען פארבונדן זה בזה.

און דערפאר איז כאן אויך הזמן צו מאכן א שטורעם בנוגע אז אידן זאלן האבן דוקא אידישע נעמען וואס טיילן פאנאנדער צווישן אידן מיט גוים.

[טאקע ניט מאכן א שטורעם אין דעם ווי אין אנדערע ענינים - אבער עכ"פ אויך אין דעם מאכן א שטורעם כדבעי].

מב. וואס עס זיינען דא אנדערע וואס מיינען אז דער ענין פון א נאמען איז נאר א דבר היצוני, א סימן פאר א זולת ווי צו איינעם אנרופן,

ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות, אז דער ענין פון א נאמען (א שם) איז ניט נוגע צו רגש האדם, און ניט צו חכמת ושכל האדם; ס'איז מערניט ווי בשעה מ'וויל האבן א פארבונדנקייט מיטן זולת גיט מען אויף אים א סימן, און בשעת מ'וויל זיך פארבינדן מיט אים - רופט מען אויס דעם סימן.

ד.ה. אז מ'גיט איינעם דעם סימן ראובן, בכדי אז ווען מ'וויל האבן א פארבונדנקייט מיט אים, רופט מען אויס דעם סימן "ראובן", און דער וואס האט דעם סימן "ראובן" אויף זיך ענטפערט אויף דערויף -

איז אבער די מציאות ניט אזוי: א שם איז נוגע אין עצם האדם, ווי די גמרא דערציילט אז "ר' מאיר הוה דייק בשמא".

און מ'קען ניט זאגן אז דאס איז געווען דער אויפטו - פון -

------------

122) ראה פסחים קד, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

פון ר׳ מאיר, און ס׳איז שייך נאר צו יחידי סגולה - ווארום די גמרא ברענגט דארטן א מעשה בפועל.

ועד"ז (און נאכמער) איז פארשטאנדיק פון דער גמרא אין ברכות, אז "שמא גרים".

מג. וואס דערפאר דארף מען זיך משתדל זיין אז מ׳זאל דערהערן אין דעם נאמען פון א אידן אז דאס איז א אידישער נאמען וואס טיילט אים אוים פון א גוי, וואס האט א גוי׳שן נאמען:

דער איד דארף הייסן אברהם - ניט "איבראהאם", ווי אן אראבער ווערט אנגערופן, און אויך ניט "אייברעהעם" (אויף ענגליש), ווי עס האט געהייסן דער פון די חסידי אוה"ע פון מדינה זו וואס האט אויסגעלייזט די עבדים,

ווארום כאטש ער איז פון חסידי אוה"ע, און דער רמב"ם[123] זאגט אז חסידי אוה"ע האבן א חלק לעוה"ב - איז ער אבער אינגאנצן ניט גלייך צו א אידן.

און די ניט גלייכקייט דארף זיין ניכר אין אלע ענינים פון דעם אידן, ביז אויך אין זיין נאמען - אז ער הייסט אברהם און ניט "אייברעהעם", יצחק און ניט "אייזיק" (כאטש דאס איז אויך א כינוי), יעקב און ניט "דזשעק", וכיו"ב.

מד. בהדגשה מיוחדה דארף די השתדלות אין דערויף זיין בא מלמדים מיט זייערע קינדער - אז בא די קינדער זאל נקבע ווערן אז זייערע נעמען זיינען דוקא זייערע אידישע נעמען.

און דאס גופא האט א השפעה אויף זיין חינוך, ווי מ׳זעט עס בפשטות, אז בשעת מ׳רופט אן א קינד אין חדר מיט דעם נאמען "אייברעהעם" - ווייסט דער קינד ניט קיין חכמות, במילא פארשטייט ער אז זיין נאמען איז ניט ע"ש אברהם אבינו;

משא"כ בשעת מ׳רופט אים אן "אברהם", פארשטייט ער גלייך אז דאס איז ע"ש אברהם אבינו וועגן וועמען ער לערנט אין חומש - האט עס בדרך ממילא א ווירקונג אויף אים בכל הנהגתו.

ועד"ז בנוגע צו מיידעלעך:

בשעת די מאמע רופט איר קליינע טאכטער אז זי זאל גיין צינדן ליכט בערב שבת אדער בערב יו"ט - זעט מען אז ס׳איז דא א חילוק צי די מאמע זאגט איר: שרה׳לע גיי צינד אן די

- ליכט -

---

123) הל׳ מלכים ספ"ח.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

ליכט, ווי בשעת זי זאגט איר "שערע" אדער "סירי" גיי צינד אן די ליכט.

מה. און דורך דעם וואס מ'טוט אויף דעם "המבדיל בין ישראל לעמים" דורך האבן (און ווערן אנגעדופן מיט) אידישע נעמען - פועל'ט דאס אז עס זאל זיין "המבדיל בין ישראל לעמים" אין אלע ענינים והנהגות פון דעם אידן, אז אלץ וואס ער טוט זעט מען בגלוי אז דאס טוט א איד.

ע"ד ווי דער רמב"ם [124] שרייבט, אז "כשם שהחכם ניכר בחכמתו ובדעותיו והוא מובדל בהם משאר העם, כך צריך שיהי' ניכר במעשיו במאכלו ובמשקהו . . ובדיבורו ובהילוכו ובמלבושו וכו'", מיט די אלע פרטים וואס ער רעכנט דארטן אויס.

וואס מה-דאך אז אזוי דארף זיין ביי א חכם צווישן אידן גופא, איז דאך במכ"ש וק"ו אז אזוי דארף יעדער איד זיין לגבי גוים, אז אין אלע זיינע ענינים, "במעשיו במאכלו ובמשקהו . . ובהילוכו כו'" דארף זיין ניכר אז ער איז א איד.

ד.ה. אז אפילו ווען ער גייט ("בהילוכו") אין דער זעלבער גאס און "סיידוואק" וואו דער גוי גייט, און אפילו אז ער גייט האנט-אין-האנט מיט דעם גוי - איז ניכר אז דא גייט א איד:

ווען ס'איז דא א דבר היפך הצניעות אין גאס - קוקט ער ניט אויף יענעם זייט; ווען ער זעט אז איינער טשעפעט א איד, און טשעפעט אידישקייט - ע"ד "ויירא בסבלותם" [125] - וועט ער ניט איינרוהען ביז ער וועט עפעס טאן צו העלפן דעם אידן וועמען מ'טשעפעט.

ועד"ז איז דער איד ניכר "במאכלו ובמשקהו" - ער עסט כשר, און ער מאכט א ברכה לפני' ולאחרי' אויף דעם וואס ער עסט און טרינקט.

ביז אז דער איד איז אויך ניכר בשינהו [126] - ווען מען גיט א קוק אויף א איד ווען ער שלאפט, זעט מען אז ער שלאפט מיט א יארמולקע,

וואס דאס איז ניט נאר בנוגע צו גדולים - נאר אויך א קליין אידיש-קינד שלאפט מיט א יארמולקע.

מו. ועד"ז בנוגע צו א קליין אידישע מיידעלע:

איינער וואס דער אויבערשטער האט אים געבענטשט מיט

- זיבן -

-------------

124) הל' דעות רפ"ה. 125) שמות ב, יא. 126) שם ספ"ג.



הנחה בלתי מוגה

זיבן סעכסער, האט בא מיר געפרעגט: מ'מאנט דאך ביי א איד, און ביי א אידיש-קינד, אז ביי אים זאל זיין ניכר אז ער איז א איד אויך בשינתו, ווי דער רמב"ם [126] זאגט - איז מילא בנוגע צו א אידישן אינגעלע איז פארשטאנדיק ווי ביי אים איז ניכר אז ער איז א איד אויך בשינתו - ווארום ער שלאפט מיט א יארמולקע;

ווי איז דאס אבער ניכר ביי א אידישע מיידעלע?

[דאס וואס זי לייענט ק"ש פארן גיין שלאפן - איז ניט ניכר בגשמיות, עכ"פ בחיצוניות, בשעת זי שלאפט].

און וויבאלד אז דער רמב"ם איז דער "מורה הנבוכים" און "רופא הנפשות" פון אידן, ביז אז ער האט געהאט ויכוחים און מלחמה געהאט (דורך אגרות) מיט אידן בדורו -

איז דאך דאס וואס ער שרייבט אז א איד דארף זיין ניכר אויך בשינתו - זיכער שייך צו יעדער אידן, כולל אויך צו א קליינע אידישע מיידעלע - איז וואו זעט מען אז זי איז א אידישע מיידעלע בשעת זי שלאפט?

איז פונקט א טאג פאר דערויף וואס יענער האט דאס בא מיר געפרעגט - האב איך אריינגעקוקט אין א קליינעס "שלי"ה" ביכעל, וואס דארטן איז געווען א ציור ווי א קליין אידיש קינדליגט אין בעט און לעבן דער בעט (אויף א שולחן וכיו"ב) שטייט נעגל-וואסער.

דאס איז דאך זיכער געווען בהשגחה פרטית אז איך האב געזעהן דעם ציור א טאג פאר דעם וואס יענער האט בא מיר געפרעגט די שאלה - האב איך גלייך געהאט וואס צו ענטפערן אים:

ביי א קליינע אידישע מיידעלע איז ניכר אז זי איז א אידישע מיידעלע בשעת זי שלאפט - דורך דעם וואס מ'זעט לעבן איר בעט (בשעת זי שלאפט), אויף א קליינעם שלחן וכיו"ב, א קווארט מיט נעגל-וואסער.

און ס'איז ניכר אז דאס איז אן ענין מיוחד - ווארום כל היום כולו וועט דאך איר מאמע (און זי אליין) ניט לאזן אז די קווארט און שיסעל פון נעגל-וואסער זאלן בלייבן שטיין לעבן איר בעט, נאר דאס ליגט אין "קיטשען", משא"כ ביינאכט, ווען די מיידעלע שלאפט, ליגט די נעגל-וואסער לעבן איר בעט, און דאס באווייזט אלעמען אז זי איז א אידישע מיידעלע.

ביז אז אפילו די גוי'קע וואס איז משמשת אין שטוב זעט דאס אויך, ווען זי נעמט דאס צו אינדערפרי פון לעבן דער בעט, אדער זי לויפט דאס ברענגען ווען ס'איז דארטן ניטא.

- מז. -

מז. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שאר ההנהגות ועניינים פון א אידן - אז זיי דארפן אלע זיין אין אן אופן, אז עס זאל זיין ניכר אז דאס טוט א איד.

אנהויבנדיק, כאמור, דערפון וואס ביי אים איז א אידישער נאמען, וואס אלע זעהן אז דאס איז א איד מיט א אידישן נאמען.

און דערפאר דארף מען זיך משתדל זיין אין דעם און זעהן אז מ'זאל אנרופן א אידן בא זיין אידישן נאמען, און זיך אויך משתדל זיין בנוגע צו אידישע קינדער, כנ"ל.

וואס די אלע וואס האבן שוין געטאן אין דעם - זאלן נאכמער מוסיף זיין אין טאן,

און די וואס האבן נאך ניט געטאן אין דעם מאיזה סיבה משונה - זאלן עכ"פ טאן אין דעם מכאן ולהבא.

מח. און אזוי ווי מ'קומט דאך איצטער פון זמן מתן תורתנו, וואס אילו זכו וואלט מען דעמולט גלייך געגאנגען צו דער גאולה שלימה[127] -

איז דאך עאכו"כ אז איצטער איז מען שוין גרייט גיין צו דער גאולה האמיתית והשלימה, און אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין"[128], תיכף ומיד,

בביאה משיח צדקנו, וואס ער וועט אונז פירן אין ארץ הקודש, און אין ירושלים עיה"ק, און אין ביהמ"ק הקודש,

בקרוב בימינו ממש.

* * *

מט. דער ביאור אין פירוש רש"י:

יעדער קינד זעט בא זיך אליין אז זיינע עלטערן און זיינע מלמדים זאגן אים ציוויים ווי ער דארף זיך אויפפירן.

און ער פארשטייט אז זיי זאגן אים די ציוויים ניט צוליב דעם וואס בא זיי קומט עפעס צו בשעת ער פירט זיך אזוי אויך - נאר דערפאר וואס די ציוויים זיינען לטובתו, אז בשעה ער וועט זיך אויפפירן ווי זיי הייסן אים וועט אים זיין גוט אין לעבן.

וואס דערפאר פארשטייט ער אויך, אז בשעה ער פאלגט ניט וואס מ'הייסט אים טאן, און זיינע עלטערן אדער מורים

זיינען -

---

127) דאה ספרי עה"פ דברים א, ב. 128) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

זיינען אים מעניש - איז דאס אויך ניט דערפאר וואס דורך דערויף קומט בא זיי עפעס צו, אדער אז דאס איז סתם אן עונש צוליב מעניש זייך - ווארום ער זעט אז זיי האבן אים ליב, במילא פארשטייט ער אז דערמיט ווילן זיי זייך טובה.

ד.ה. אז ער פארשטייט אז ווען זיי הייסן אים ער זאל זיך אוועקזעצן לערנען אל"ף בי"ת, אדער א פסוק אין תורה - איז דאס צוליב זייך טובה, נאר אמאל (וויבאלד ער איז א קינד) איז ער בא זיך אליין מוותר אויף דער טובה, און ער גייט זיך שפילן - אבער ער פארשטייט אז מ'וויל זייך טובה, און בשעת מ'איז אים מעניש פאר ניט פאלגן און פאר גייך זיך שפילן ווען ער האט געדארפט לערנען - איז דאס אויך לטובתו.

ב. ועד"ז פארשטייט דער בן חמש למקרא בנוגע צו די ציוויים פון דעם אויבערשטן צו מענטשן, ווי דער בן חמש למקרא ווייסט פון דעם וואס ער האט געלערנט, אז שוין פאר מ"ת האט דער אויבערשטער געגעבן במה ציוויים צו מענטשן - איז דאס אלץ ניט צוליב דעם וואס עס קומט צו בא דעם אויבערשטן בשעת מענטשן פירן זיך אויף לויט די ציוויים - נאר דאס איז לטובת האדם, דורך דעם וואס א מענטש וועט מקיים זייך די מצוות און לעבן לויט זיי - וועט ער האבן א גוטן לעבן.

און דערנאך בא מ"ת האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן אידן, "והייתם לי סגולה מכל העמים"[129] - און דערפאר האט ער זיי אפגעגעבן (ניט נאר עטליכע מצוות, נאר) תרי"ג מצוות, וואס דורך דעם וואס אידן וועלן לעבן לויט די מצוות - וועלן זיי האבן א גוטן לעבן.

און דאס פארשטייט דער בן חמש למקרא בפשטות, ובפרט אויב ער האט געלערנט פ' בחוקותי, וואס דארטן[130] שטייט אז "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם" וועט זייך "ונתתי גשמיכם בעתם וגו'" - טוב בגשמיות.

ווארום אזוי האט דער אויבערשטער באשאפן די וועלט, אז דוקא דורך דערויף וואס מ'פירט זיך לויט זיינע ציוויים - האט מען א גוטן לעבן.

וואס דערפאר בשעת מ'פאלגט ניט די ציוויים - איז דער אויבערשטער מעניש דעם מענטשן - ניט דערפאר וואס דורך דערויף קומט עפעס צו בא דעם אויבערשטן, אדער דערפאר וואס דער אויבערשטער וויל מעניש זייך סתם אזוי - נאר דערפאר וואס דאס איז לטובת האדם:

- וויבאלד -

---

129) יתרו יט, ה. 130) כו, ג-ד.

וויבאלד ער האט זיך ניט געפירט לויט די ציוויים פון דעם אויבערשטן, וואס דוקא דורך זיי לעבט ער א גוטן לעבן — איז בכדי ער זאל ניט האבן א געמאטערטן לעבן, חיי צער אין עוה"ז (ווארום ס'איז ניט א לעבן לויט די מצוות פון דעם אויבערשטן), איז דער אויבערשטער אים מעניש און נעמט ביי אים צו חיי עוה"ז (בשעת ער האט עובר געווען אויף אן עבירה חמורה וואס אויף איר איז מען חייב מיתה),

און דורך דעם עונש פון מיתה (בעוה"ז) "וואשט" דאס אפ און דאס איז מכפר און מטהר דעם מענטשן פון דעם עון, וע"ד מים רותחים וואס וואשן אפ ענינים בלתי רצויים, בכדי אז ער זאל קענען האבן חיי הנשמה אין עוה"ב (ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין רש"י וועגן חיי הנשמה בעוה"ב[131]).

נא. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם חטא פון די אידן בפרשתנו:

דער אויבערשטער זאגט משה רבינו: וויבאלד די אידן האבן עובר געווען אויף אזא גרויסן חטא — "ינאצוני העם הזה"[132] — איז דאס היפך פון זייער אייגענע טובה צו ווייטער לעבן אין עוה"ז, ווארום זיי וועלן לעבן א געמאטערטן לעבן צוליב דעם וואס זיי לעבן ניט לויט די מצוות פון דעם אויבערשטן —

איז בעסער ווי זיי זאלן לעבן א געמאטערטן לעבן אין עוה"ז — וועט זיין "אכנו בדבר", און זיי וועלן לעבן א גוטן לעבן אין עוה"ב (חיי הנשמה).

נב. דערמיט, וועט מען אויך פארשטיין פארוואס משה נוצט דעם לשון "וישחטם במדבר":

דערמיט האט משה געוואלט (ניט צוגעבן א דבר חדש אויף דעם וואס דער אויבערשטער האט געזאגט "אכנו בדבר", נאר) מפרש זיין דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט "אכנו בדבר" — אז דאס מיינט ניט סתם אן ענין פון עונש מיתה, נאר אז דאס איז לטובתם של ישראל — א תיקון אויף זייער חטא, און א הכנה צו חיי נשמתם בעוה"ב.

והביאור בזה:

דער ענין פון שחיטה איז — א הכנה צו דער סעודה, אז כ'שעחט א בעל-חי בכדי כ'זאל פון אים קענען עסן ביי א

— סעודה —

------------

131) ראה פרש"י עה"פ וישב לז, ב. שמיני יא, מד. אחרי ה [illegible]) [illegible] יד, יא.

סעודה, ווי דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות פון וואס ער זעט בא זיך אין שטוב, ועד"ז פון דעם וואס ער האט שוין געלערנט[133] "וטבח טבח והכן".

און דורך דערויף וואס מ'שעחט דעם בעל-חי, און א מדבר (ועאכו"כ א מלך אדער א צדיק) עסט דערפון ווערט דער בעל-חי נתעלה און נכלל אין דעם מדבר. ד.ה. אז דער בעל-חי ווערט פון א "חי" א (חלק פון א) "מדבר".

וואס דאס האט משה געמיינט מיט זאגן "וישחטם במדבר" - אז דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט "אכנו בדבר" - מיינט ניט סתם אן ענין פון הריגה, נאר דאס איז אן ענין פון "שחיטה" - דאס גרייט-צו די אידן אז זיי זאלן קענען נתעלה ווערן און לעבן חיי עוה"ב.

נג. דער ביאור אין דעם וואס משה האט גע'טענה'ט צום אויבערשטן "ואמרו הגוים גו' מבלתי יכולת ה' גו'":

משה האט גע'טענה'ט צום אויבערשטן, אז דער אויבערשטער האט דאך באשאפן א גאנצע וועלט מיט מענטשן, וואס רוב פון די מענטשן זיינען בני נח (ניט אידן), און ער האט זיי געגעבן כמה ציוויים וואס זיי דארפן טאן, די ז' מצוות ב"נ מיט זייערע סניפים (און ער האט דאס זיי געגעבן שוין פאר מ"ת. ועאכו"כ נאך מ"ת),

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די כוונה פון דעם אויבערשטן איז - אז אויך ב"נ זאלן זיין מאמינים בה', ועאכו"כ ניט זיין דער היפך.

און אויב - האט משה ממשיך געווען - דער אויבערשטער וועט אויס'הרג'נען די אידן - וועלן די גוים זאגן "מבלתי יכולת ה' להביא את העם הזה אל הארץ אשר נשבע להם וישחטם במדבר" - וועט דאס בא זיי פועל'ן אז זיי זאלן ניט האבן אמונה אין אויבערשטן און ניט מקיים זיין זייערע מצוות,

ד.ה. אז דורך דעם וואס דער אויבערשטער וועט אויס'הרג'נען די אידן איז ער מסית ומדיח (כביכול) די גוים אז זיי זאלן פארלירן די אמונה אין אויבערשטן און אויפהערן מקיים זיין זייערע מצוות.

און צוליב דעם - האט משה געזאגט - דארף דער אויבערשטער ניט אויס'הרג'נען די אידן.

נד. עס בלייבט נאך אבער שווער: וואס איז די טענה פון - "מבלתי -

---

133) מקץ מג, טז.

"מבלתי יכולת ה' להביא את העם הזה אל הארץ אשר נשבע להם" – בשעת דער אויבערשטער האט אליין פריער געזאגט "ואעשה אותך לגוי גדול ועצום ממנו"?

באווארענט דאס שוין דער פסוק אין פ' משפטים, נאר מ'וועט איצטער מפסיק זיין – בכדי מ'זאל זיך אליין כאפן וועלכער פסוק דאס איז.

נה. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

די תורה איז "כללות ופרטות נאמרה"[134], ועד"ז אין אידן – איז אויך דא כללות ופרטות, ווארום "זאת התורה אדם"[135], און "אתם קרויין אדם"[136]:

ס'איז דא דער אדם ווי ער שטייט בכללות ציור אדם; דערנאך איז דא ווי דער אדם איז כולל אין זיך אלץ בפרטיות, וואס רמ"ח אברי האדם זיינען כנגד רמ"ח מ"ע, און שס"ה גידי האדם – כנגד שס"ה מל"ת[137] וכו'.

ועד"ז בנוגע צו די ג' סוגים פרטיים ביי אידן, כהן, לוי און ישראל – איז בפרטיות האט יעדער איד בא זיך אלע דריי סוגים, ובכללות טיילט זיך עם פאנאנדער אויף ג' סוגים צווישן אידן.

והביאור בזה:

בא יעדן אידן איז דא דער חלק החיים שלו וואס ער איז ווי א כהן, דער חלק החיים שלו וואס ער איז ווי א לוי, און דער חלק החיים שלו וואס ער איז ווי א ישראל:

דער ענין פון א כהן איז – "לעמוד לשרת בשם ה'"[138] – וואס דאס איז דער חלק החיים פון א אידן בשעה ער איז מתפלל צום אויבערשטן, וואס "תפלות כנגד קרבנות תקנום"[139], ער איז אזוי ווי א כהן וואס איז מקריב קרבנות.

דער ענין פון א לוי איז – צו זאגן שירה אלס הכנה צו עבודת הכהנים[140], און זיין ענין איז ענין הטהרה, בחי' טהור[141].

וואס דאס איז דער חלק החיים פון א אידן פאר דעם וואס

- ער -

---

134) ראה חגיגה ו, דיש ע"ב. פרש"י ד"פ בחוקותי.
135) ל' הכתוב – חקת יט, יד. וראה ד"ה משכני תש"א (הא') פ"ו (סה"מ תש"א ע' 99 ואילך). 36) יבמות סא, דע"א.
137) זה"א קע, ב. 138) שופטים יח, ה. 139) ראה ברכות כו, ב. 140) ראה ערכין יא, א. פרש"י עה"פ נשא ד, מז.
141) ראה זח"ג קנד, ב. קעו, ב. לקו"ת ראה כז, א. ובכ"מ.

ער שטעלט זיך דאווענען, און ער איז זיך בכין להפלה, וואס "אין עומדין להתפלל . . אלא כתוך שמחה של מצוה"[142], ע"ד רער ענין השירה פון לויים, און עס דארף ביי אים זיין טהרת המחשבה וכו׳, און ערשט דערנאך קען ער זיך שטעלן דאווענען.

דער חלק החיים פון א אידן ווען ער איז ווי ישראל, איז – בשעת ער טוט אין "הנהגא בהן מנהג דרך ארץ"[143] – קיום המצוות בכלל, ובפרט מצות הצדקה, גמילות חסדים.

נו. וואס דאס איז ווי די ענינים פון כהן, לוי און ישראל, זיינען דא בא יעדער אידן בפרטיות,

און ווי גערעדט אויך אין די פריערדיקע התוועדות[144], אז יעדער איד איז אזוי ווי א לוי לגבי אוה"ע, און דערפאר איז דער ענין פון "מבן חודש ומעלה"[145] שייך ביי אלע אידן – (ניט נאר בא לויים כפשוטם).

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז דאס וואס עס שטייט אין זהר "זכאי אינון ישראל מעמין עכו"ם דעלמא, דקב"ה אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו" – גייט אויף אלע אידן בשוה –

ווארום יעדער איד האט אין זיך אלע דריי ענינים, כהן לוי און ישראל, וואס כנגדם זיינען די דריי לשונות "אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו" – בכילא איז בא יעדער אידן דא די אלע דריי מעלות פון "אתרעי בהו ואתכני בהו ואתפאר בהו".

נז. הערנאך איז דא ווי די דריי סוגים פון כהן לוי און ישראל זיינען דא בכללות ביי אלע אידן:

עס זיינען דא אידן וואס (ניט נאר בחלק החיים שלהם, נאר אויך) בכל החיים שלהם זיינען זיי כהנים; ועד"ז אידן וואס בכל החיים שלהם זיינען זיי לויים; און אידן וואס בכל החיים שלהם זיינען זיי ישראלים.

אבער, כאמור, בפרטיות האט אין זיך יעדער פון די דריי סוגים אויך די אנדערע צוויי ענינים – א כהן בכלל האט אין זיך בפרטיות דעם ענין פון א לוי און א ישראל. והביאור בזה:

א כהן האט אין זיך בעיקר דעם ענין פון א לוי, ווארום כהנים האבן אויך א שייכות צו ערי מגרש[146] וואס עס האבן געהאט לויים[147] וואס די "מגרשי הערים" גופא איז מעיך דעם

- ענין -

---

142) ברכות לא, א. 143) שם לה, ב. 144) שיחת יום ה׳ פ׳ במדבר, ערב ר"ח סיון סי"ד. שיחת ש"פ במדבר.
145) במדבר ג, טו. 146) מסעי לה, ב ואילך. 147) ראה צפע"נ למס׳ מכות ע׳ כט; ע׳ מא ובהערה ד.

ענין פון א ישראל ביי א לוי; און ער האט אויך מעין דעם ענין פון א ישראל - ווארום אזוי טאר דער כהן ניט ארבעטן און באקומט אלץ מן המוכן, אבער אויך ביי כהנים איז דא דער ענין פון "יוצאין לגרנות"[148].

ועד"ז איז דאס בנוגע צו א לוי (כללי) און א ישראל (כללי).

און דערפון וואס ס'איז אויך דא דער ענין כללי פון א כהן, וואס ביי אים שטייט בהדגשה בכל החיים שלו אז ער איז א כהן - לערנט מען אפ אויך בנוגע צו דעם כהן פרטי שבכל אחד מישראל - אז אויך אין זיין "הנהג בהן מנהג דרך ארץ" (דער "ישראל" שבו) דארף זיין קענטיק אז ער איז א כהן וואס זיין עבודה איז "לעמוד לשרת בשם ה'", ווארום יעדער איד איז פון "ממלכת כהנים"[149], וואס דאס מיינט ניט נאר "שרים"[150] - וואס זיי געוועלטיקן איבער עניני העולם[151], נאר אויך כהנים כפשוטם[152], ביז - כהנים גדולים[153], ווי גערעדט אין די פריערדיקע ההוועדויות[154].

און וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[155] - איז א זיכערע זאך אז יעדערער קען דאס דורכפירן בפועל.

נח. דער ביאור אין דעם פארוואס דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט "ואעשה אותך לגוי גדול ועצום" איז קיין סתירה ניט צו דער טענה "מבלתי יכולת ה' להביא את העם הזה אל הארץ וגו'":

דער טעם וואס די גוים וועלן זאגן פארוואס "מבלתי יכולת ה' להביא את העם הזה אל הארץ אשר נשבע להם גו'" הגם אז פון מצרים האט דער אויבערשטער געקענט אויסלייזן די אידן - איז רש"י מסביר: "לפי שיושבי הארץ חזקים וגבורים, ואינו דומה פרעה לשלשים ואחד מלכים".

במה דברים אמורים (אז דער אויבערשטער וועט דארפן איינעמען אלע "שלשים ואחד מלכים", און וויבאלד אז ער טוט דאס ניט, נאר "וישחטם במדבר" - איז א ראי' אז "מבלתי יכולה ה' גו'") - אויב אלע אידן וואס זיינען דעמולט געווען (כמ"פ ששים ריבוא, כנ"ל (סל"ו)), וועלן אריינגיין אין ארץ ישראל;

- אויב -

---

148) רמב"ם הל' תרומות פי"ב הי"ז. 149) יתרו שם, ו. 150) בפרש"י עה"פ. 151) ראה לקו"ש במדבר-ב' סיון ש.ז. ס"ג. 152) ראה מכילתא עה"פ. וראה לקו"ש שם ס"ב. 153) בעה"ט עה"פ. וראה גם אגדת בראשית פע"ט (פ). 154) שיחת ש"פ במדבר, ב' סיון. ד' בהעלותך, י"ג סיון - להתלמידים ולהתלמידות שיחיו ס"ז. 155) במדב"ר פי"ב, ג.

אויב אבער דער אויבערשטער וואלט בקיים געווען דאס וואס ער האט געזאגט משה'ן, אז "אכנו בדבר ואורישנו", ער וואלט אויסגע'הרג'ט אלע אידן פאר דעם וואס זיי זיינען אריין אין ארץ ישראל, "וישחטם במדבר", און עס וואלט געווען "ואעשה אותך לגוי גדול ועצום" -

וואלט דאס ניט מבטל געווען די טענה פון די גוים "מבלתי יכולת ה' גו'" - ווארום דאן וואלט דער אויבערשטער ניט איינגענומען די "שלשים ואחד מלכים". והביאור בזה:

אויב דער אויבערשטער וואלט אויסגע'הרג'ט די אידן צוליב חטא המרגלים - וואלט דעמולט ניט געווען די גזירה פון זיין אין מדבר ארבעים שנה, נאר מ'וואלט גלייך (לאחר ג' ימים[156]), אריינגעגאנגען אין ארץ ישראל,

וועך וואלט אבער דעמולט אריין אין א"י - וואלט דאס געווען נאר משה ומשפחתו (ווארום אלע אנדערע אידן וואלט דאך דער אויבערשטער האבן אויסגע'הרג'ט ח"ו), ד.ה. דריי מענטשן, און צוזאמען מיט בניו, און מיט נשותיהם - זעקס מענטשן -

וואס דעמולט וואלט דער אויבערשטער ניט ארויסגעטריבן די "שלשים ואחד מלכים" פון ארץ כנען, ווי דער אויבערשטער האט פריער מודיע געווען אין פ' משפטים, און א מילתא בטעמא:

רעדנדיק וועגן דעם אופן ווי ער וועט ארויסטרייבן די גוים פון ארץ כנען, בכדי אז אידן זאלן דארטן קענען אריינ-גיין זיך באזעצן - האט דער אויבערשטער געזאגט[157]: "לא אגרשנו מפניך בשנה אחת פן תהי' הארץ שממה ורבה עליך חית השדה", נאר "מעט מעט אגרשנו מפניך עד אשר תפרה ונחלת את הארץ".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויב עס גייען אריין אין א"י נאר משה ומשפחתו, זעקס מענטשן - וואלט דער אויבערשטער ניט ארויסגעטריבן אלע גוים, ער וואלט נאר ארויסגעטריבן אזוי פיל גוים וואס פארנעמען דעם ארט פון זעקס מענטשן.

און אפילו אז מ'רעכנט אויך אהרן, און נאך אנדערע צוזישן די וואס וואלטן דעמולט אריינגעגאנגען אין א"י - איז דאס עטליכע הונדערט מענטשן, אדער אפילו עטליכע טויזנט מענטשן - וואלט דאך אבער דער אויבערשטער נאר ארויסגעטריבן אזוי פיל גוים וויפל מ'דארף האבן פאר די עטליכע טויזנט מענטשן, דאס איז אבער פארט ניט אלע "שלשים ואחד מלכים";

- און -

------------

156) פרש"י עה"פ בהעלותך י, כט. 157) משפטים כג, כט-ל.



הנחה הת' בלתי מוגה

און דערנאך אפילו אויב די אידן וואלטן געבארן קינדער "ששה בכרס אחד"[158] – וואלט גענומען הונדערטער יארן ביז אז עם וואלט געווען "תפרה ונחלת את הארץ" – איז דאך ביז דעמולט וואלט מען נאך אלץ נים האבן ארויסגעטריבן די אלע "ששים ואחד מלכים", במילא וואלטן די גוים געקענט זאגן די אלע יארן אז "מבלתי יכולת ה׳ גו׳".

וואס דערפאר איז פון דעם וואס דער אויבערשטער האט געזאגט משה׳ן "ואעשה אותך לגוי גדול ועצום" – קיין ראי׳ נים אז ס׳איז נים "מבלתי יכולת ה׳ גו׳" – ווארום "ואעשה אותך לגוי גדול ועצום" וועט דאך ערשט זיין מיט הונדערטער יארן שפעטער, אבער ביז דעמולט וועט דער אויבערשטער נים דארפן מלחמה האבן מיט אלע "שלשים ואחד מלכים", ער וועט נאר דארפן מלחמה האבן מיט איין מלך, און דאס קען ער טאן, ווי מ׳זעט אז ער האט דאס געטאן מיט פרעה מלך מצרים;

משא"כ ווען מ׳רעדט אז אלע אידן דארפן אריינגיין אין א"י, און דער אויבערשטער הרג׳ט זיי אוים – וועלן די גוים טענה׳ן אז דער אויבערשטער קען זיך נים איינקערן מיט די "שלשים ואחד מלכים" – "מבלתי יכולת ה׳ גו׳", און דערפאר איז "וישחטם במדבר".

נט. דער ביאור השייכות פון רבי עקיבא מיט די מאמרים וואס ער האט געזאגט אין פרקי אבות – אנהויבנדיק פון דער משנה[159] "חביב אדם שנברא בצלם . . חביבין ישראל שנקראו בנים למקום . . חביבין ישראל שניתן להם כלי חמדה כו׳" – ובהקדם:

דאס וואס עס שטייט דא אין משנה "חביב אדם שנברא בצלם" איז כולל אויך גוים[160] – ווארום אע"פ אז תוספות איז מסביר[161] אז ווען עס שטייט "אדם" מיינט דאס אידן, און נאר ווען עס שטייט "האדם" מיינט דאס אויך גוים –

איז אבער במה דברים אמורים – ווען עס שטייט נאר "אדם" אין פסוק, נים ביחס צו א צווייטע זאך; ווען עס שטייט אבער אויך "בהמה" אין פסוק – דאן מיינט "אדם" אויך גוים[162].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו אונזער משנה:

ווייטער אין משנה שטייט "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום" – איז פארשטאנדיק אז דאס וואס עס שטייט פריער "חביב" –

------------

158) ראה שמו"ר פ"א, ח. הנהובא שבות ה. פרש"י עה"פ שמות א, ז. 159) משנה יד. 160) בד"ש לאבות כאן (קרוב לתחלתו). הובא באוה"ת שבועות ע׳ קעא. 161) ד"ה ואין – יבמות סא, א. 162) ראה יבמות שם ובפרש"י. כריתות ו, ב ובפרש"י שם ד"ה לאפוקי.

"חביב אדם שנברא בצלם", "אדם" סתם, ניט "ישראל" - מיינט דאס אויך גוים,

ובפרט אז אויך גוים זיינען "נברא בצלם, שנאמר[163] כי בצלם אלקים עשה את האדם", וואס מצד דעם "צלם" זיינען גוים בדומה צו אידן.

ס. דערמיט וועט מען פארשטיין דעם קשר פון דער משנה מיט רבי עקיבא:

בא רבי עקיבא זיינען געווען בהדגשה ובגלוי די דריי ענינים אויסגערעכנט אין משנה - "חביב אדם שנברא בצלם", "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום", און "חביבין ישראל שניתן להם כלי חמדה". והביאור בזה:

רבי עקיבא איז געווען א גר (אדער א בן גרים[164], וואס זיין פאטער איז געווען א גר), און ווי די גמרא[165] איז דאס מדגיש ביז אין א נפק"מ לפועל בנוגע צו נשיאות שלו.

וואס אין דעם זמן ווען רבי עקיבא איז נאך געווען א גוי קודם שנתגייר - איז ביי אים געווען דער ענין פון "חביב אדם שנברא בצלם", וואס דאס איז דא אויך בא גוים, כנ"ל,

און שפעטער אין זיין לעבן, ווען ער האט זיך מגייר געווען - איז ביי אים צוגעקומען אויך די מעלה פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום".

דערמיט איז פארשטאנדיק דער קשר פון דער משנה דוקא מיט רבי עקיבא - ווארום דוקא ביי אים איז געווען מודגש ווי די צוויי ענינים פון "חביב אדם שנברא בצלם" און "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום" זיינען צוויי באזונדערע ענינים און צוויי באזונדערע מעלות:

בשעת ער איז נאך געווען א גוי, איז ביי אים געווען מודגש נאר דער ענין און די מעלה פון "חביב אדם שנברא בצלם", ווי דאס איז א מציאות בפ"ע פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום";

און ווען ער האט זיך מגייר געווען איז געווען מודגש ווי עס קומט ביי אים צו נאך א מעלה - די מעלה פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום".

און אפילו אויב רבי עקיבא איז אליין ניט געווען קיין גר, נאר זיין פאטער איז געווען א גר, קומט דאך אויס אז ער

- איז -

---

163) נח ט, ו. 164) רמב"ם בהקדמתו לס' יד החזקה (קרוב לתחלתה). וראה סדר הדורות בערכו. 165) ראה ברכות כז, ב.

איז געבארן געווארן א איד - איז דאך אבער ידוע אז ביז עשרה דורות איז א בן גרים מרגיש דעם ענין הגירות, ווי עס ברענגט זיך אויך להלכה אין שו"ע אבן העזר[166] -

איז מצד דעם האט רבי עקיבא אלעמאל אויך דעם הרגש פון "חביב אדם" אלס אן ענין בפ"ע פון דעם וואס ביי אים איז דא "חביבין ישראל".

משא"כ ביי א איד וואס איז געבארן געווארן א איד און ער איז ניט קיין בן גרים - איז ביי אים קיינמאל ניט מורגש די מעלה פון "חביב אדם שנברא בצלם" אלס א מעלה בפ"ע; ער האט טאקע די מעלה אויך, דאס איז אבער ביי אים אין אן אופן פון "יש בכלל מאתים מנה"[167], דערפאר וואס ער האט אלעמאל די מעלה פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום".

סא. עד"ז איז בא רבי עקיבא געווען מודגש ווי די צוויי ענינים פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום" און "חביבין ישראל שניתן להם כלי חמדה" זיינען צוויי באזונדערע ענינים און צוויי באזונדערע מעלות:

רבי עקיבא האט אנגעהויבן לערנען תורה ערשט ווען ער איז געווען א בן ארבעים[168], משא"כ ביז דעמולט האט ער קיין תורה בכלל ניט געלערנט.

קומט דאך דערפון אויס, אז איידער ער איז געווען בן ארבעים שנה איז ביי אים געווען מודגש ווי די מעלה פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום" איז א מציאות בפ"ע פון דער מעלה פון "חביבין ישראל שניתן להם כלי חמדה" - ווארום ביז ער איז געווארן בן ארבעים שנה, האט ער ניט געלערנט קיין תורה - איז ביי אים ניט געווען די מעלה פון "חביבין ישראל שניתן להם כלי חמדה".

וואס דאס איז געווען מודגש דוקא בא רבי עקיבא, משא"כ ביי אנדערע תנאים ואמוראים איז גלייך ווען זיי זיינען געבארן געווארן, גלייך ווען בא זיי איז געווארן די מעלה פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום" - איז בא זיי געווען בגלוי אויך דער ענין התורה, "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[169],

ווי דער ירושלמי[170] דערציילט בנוגע צו ר' יהושע בן חנניא, אז זייענדיק נאך א גאר קליין קינד אין וויגעלע, "היתה אמו מולכת עריסתו לבית הכנסת בשביל שיתדבקו אזניו בדברי תורה",

- וואס -

---

166) ס"ד סכ"ב. 167) ב"ק עד, א. ועוד. 168) אדר"נ פ"ו, ב. 169) ברכה לג, ד. 170) יבמות פ"א ה"ו.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אז אזוי איז געווען ביי אלע תנאים ואמוראים, חוץ פון די וואס מ'איז בפירוש ממעט.

משא"כ בא רבי עקיבא איז געווען א זמן בחייו, ביז ער איז געווארן בן ארבעים שנה, ווען ביי אים איז געווען בגלוי נאר די מעלה פון "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום";

און ווען ער איז געווארן ארבעים שנה, וואס דעמולט האט ער אנגעהויבן לערנען תורה - איז געווען מודגש ווי ביי אים קומט צו די מעלה פון "חביבין ישראל שניתן להם כלי חמדה",

ביז וואנעט אז "כולהו אליבא דרבי עקיבא"[171], און די תורה איז נקראת על שמו, וואס דאס איז דער אמיתית הענין פון "ניתן להם כלי חמדה", און דאס זאגט מען דוקא אויף רבי עקיבא, און ניט אויף קיין אנדערע.

סב. נאך דער משנה "חביב אדם וכו'" קומט נאך א משנה[172] וואס רבי עקיבא האט געזאגט: "הכל צפוי והרשות נתונה".

ובידוע די שאלה אין דערויף: ווי שטימען די ביידע זאכן פון "הכל צפוי" און "והרשות נתונה", מיט די תירוצים וביאורים בזה[173].

ועד"ז איז דאך די שאלה: ווי קען מען זאגן אז "הרשות נתונה" בשעה מ'זאגט דאך "לא ידח ממנו נדח"[174]?

האט מען אויף דערויף מבאר געווען אין א פריערדיקע התוועדות[175] אז "לא ידח ממנו נדח" איז "בגלגול זה או בגלגול אחד"[176], און ווי גערעדט אויך דעמולט וועגן די צוויי גירסאות, "אני נבראתי לשמש את קוני"[177], און ווי דער מהרש"א[178] איז דאס מסביר, און "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני"[179].

סג. דער קשר פון דער משנה צו רבי עקיבא:

כמדובר לעיל איז רבי עקיבא געווען א גר (אדער א בן גרים).

- וואס -

---

171) סנהדרין פו, א. 172) משנה טו. 173) ראה פיהמ"ש להרמב"ם לאבות כאן. ובארוכה - מד"ש כאן. 174) ש"ב יד, יד (בשינוי לשון). וראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד סוס"ג. תניא ספל"ט. 175) שיחת יום ב' דחגה"ש. 176) תניא והל' ת"ת שם. 177) קידושין בסופה. 178) בחדא"ג שלו לקידושין שם ד"ה ראית (בסופו). 179) ראה של"ה עה"פ ירמי' ה, כב (רמז רעו). וראה גם קידושין שם ע"פ כת"י וטיקן (ירושלים, תשל"ד) מס' 111.

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס ביי א גר שטייט בהדגשה ובגילוי דער ענין פון "הרשות נתונה". והביאור בזה:

א איד (וואס איז געבארן געווארן א איד) איז מחוייב אין תומ"צ - במילא איז ביי אים ניט אזוי בהדגשה דער ענין פון "הרשות נתונה" צי ער זאל מקיים זיין תומ"צ אדער ניט;

משא"כ א גר שנתגייר א״ז פאר זיין גירות איז אויף אים כלל ניט חל קיין חיוב זיך צו מגייר זיין[180] - איז ביי אים בהדגשה ובגלוי דער ענין פון "הרשות נתונה" צי ער זאל זיך מגייר זיין און אנעמען אויף זיך תומ"צ אדער ניט.

[ועד"ז די ענינים וואס רעדן זיך אין דער משנה שלאח"ז[181] "הכל נתון בערבון וכו'" זיינען בא אידן ניט אין דעם גדר פון "הרשות נתונה"; משא"כ ביי א גר זיינען די ענינים דא דורך דערויף וואס ביי אים איז געווען "הרשות נתונה" און ער האט מחליט געווען זיך צו מגייר זיין].

סד. וכידוע דער פירוש אין דעם פסוק אין רות[182] [וואס מגילת רות לייענט מען בחגה"ש[183]] "ישלם ה' פעלך ותהי משכורתך שלמה גו' אשר באת לחסות תחת כנפיו",

וזאס עס שטייט אויף דערויף אין רות רבה[184]: "ישלם ה' פעלך ותהי משכורתך שלמה מעם ה' א"ר חסא אשר באת לחסות תחת כנפיו".

פרעגט מען אויף דערויף[185]: וואס איז ר' חסא מחדש דערמיט וואס ער זאגט "אשר באת לחסות תחת כנפיו" - דאס שטייט דאך אין פסוק?!

און מ'איז מבאר[185], אז ר' חסא איז מפרש דעם פסוק "ישלם ה' פעלך ותהי משכורתך שלמה גו' אשר באת לחסות תחת כנפיו" - אז בועז האט געזאגט רות: "ישלם ה' פעלך ותהי משכורתך שלמה" דערפאר וואס "באת לחסות תחת כנפיו", דערפאר וואס דו האסט זיך מגייר געווען.

און די הסברה בזה איז כנ"ל:

בא רות איז געווען "הרשות נתונה" צי זי זאל זיך מגייר זיין אדער ניט, ווארום כאמור, א גר קודם שנתגייר איז אויף אים כלל ניט חל קיין חיוב זיך צו מגייר זיין, צו

- איבערגיין -

------------

180) ראה לקו"ש פרקי אבות - פ"ה השל"ט. 181) משנה טז. 182) ב, יב. 183) אבודרהם - הובא בדמ"א או"ח סו"ס תצ. וראה גם שו"ע אדה"ז שם סי"ז. 184) פ"ה, ד. 185) בפי' עץ הנוך לרו"ר שם - הובא בלקו"ש בהעלותך תשל"ו ס"ד ובהע' 29 שם.

איבערגייין פון "חביב אדם שנברא בצלם" צו "חביבין ישראל שנקראו בנים למקום",

ביז אז נעמי האט געפרואווט אפרעדן רות פון זיך מגייר זיין, ביז אז נעמי האט רות געהייסן אוועקגיין פון איר וכו׳ -

און אעפ"כ האט רות אויסגעקליבן (מצד "הרשות נתונה") זיך צו מגייר זיין - איז דערפאר "ישלם ה׳ פעלך ותהי משכורתך שלמה" פאר טאן א זאך וואס איז אינגאנצן געווען תלוי אין איר אליין דאס צו טאן צי ניט.

סה. ע"פ המדובר לעיל אז רבי עקיבא איז געווען א גר (אדער א בן גרים) ;ועט מען פארשטיין דעם קשר פון דער משנה[186] (וואס רבי עקיבא האט געזאגט) "מסורת סיג לתורה" צו רבי עקיבא:

א גר דארף אלעמאל אנקומען צו אן ענין פון סיגים, ווארום ביי אים איז "סורו רע"[187], דערפאר דארף ער האבן מערער באווארעניש ווי סתם א איד.

וואס אע"פ אז ס׳איז ח"ו צו זאגן אז בא רבי עקיבא איז געווען "סורו רע" - איז אבער לפי ערך דרגתו האט ער אויך געדארפט האבן אן ענין פון סיגים בכדי באווארענען דעם ענין פאר אנדערע גרים.

דערפאר איז דוקא רבי עקיבא דער וואס זאגט און באווארנט אז "מסורת סיג לתורה" מיט די אנדערע סיגים וואס ער האט געזאגט אין דער משנה.

סו. נאך דער משנה "הכל צפוי והרשות נתונה" קומט נאך א משנה[181] וואס רבי עקיבא זאגט: ". . ונפרעין מן האדם מדעתו ושלא מדעתו, ויש להם על מה שיסמוכו, והדין דין אמת".

די שייכות דערפון צו רבי עקיבא:

די גמרא[188] דערציילט אז "בשעה שעלה משה למרום" האט אים דער אויבערשטער באוויזן די גדלות פון לימוד התורה פון רבי עקיבא,

דערנאך האט משה געבעטן בא דעם אויבערשטן: "הראיתני תורתו (פון רבי עקיבא) הראני שכרו", האט אים דער אויבערשטער באוויזן "ששוקלין בשרו במקולין", האט משה געפרעגט בא דעם אויבערשטן: "זו תורה וזו שכרה"?! "א"ל (הקב"ה): שתוק כך עלה במחשבה לפני".

- וואס -

---

186) משנה יג. 187) ב"מ נט, סע"ב. 188) מנחות כט, ב.

וואס מה-דאך אז משה רבינו האט געפרעגט די שאלה "זו תורה וזו שכרה", וואס משה איז געווען, בלשון החסידות[189] - חכמה דקדושה, און מדתו איז מדת האמת[190], ביז אז צו משה איז נתגלה געווארן וואס צו קיין מענטש איז קיינמאל ניט נתגלה געווארן: משה האט געבעטן בא דעם אויבערשטן[191] "הראני נא את כבודך", און אע"פ וואס "פני לא יראו" איז אבער "וראית את אחורי"[192],

און אעפ"כ האט ער געפרעגט "זו תורה וזו שכרה", און אפילו צו אים, צו חכמה דקדושה, האט דער אויבערשטער געענטפערט "שתוק כך עלה במחשבה לפני" -

איז דאך עאכו"כ אז רבי עקיבא אליין, וואס ער איז ניט געווען אין דער דרגא ווי משה, האט זיכער געדארפט שרייען "זו תורה וזו שכרה"?!

דערפאר קומט דוקא רבי עקיבא און זאגט: "והדין דין אמת" און "יש להם על מה שיסמוכו",

ווארום וויבאלד אז דער דין איז מיט רבי עקיבא עצמו, און דורך אים איז נתעורר געווארן די שאלה פון "זו תורה וזו שכרה" - דארף ער אליין זיין דער וואס פסק'נט אפ דעם דין לגבי זיך,

ווארום "נפרעין מן האדם מדעתו ושלא מדעתו", כידוע תורת הבעש"ט אין דערויף[193] - אז מלמעלה איז מען מעניש נאר "מדעתו", דוקא ווען ער אליין פסק'נט אפ דעם עונש אויף זיך; דער מענטש אבער גיט ארויס זיין פסק אין אן אופן פון "שלא מדעתו":

מ'באווייזט אים א צווייטן וואס געפינט זיך אין א מצב ווי ער געפינט זיך, און דאס וואס ער פסק'נט אויף יענעם, גיט ער דערמיט ארויס א פסק אויף זיך אליין, און מען פירט זיך דעמולט מיט אים לויט זיין פסק.

סז. די הוראה מהמדובר לעיל:

בשעה מ'טרעפט א איד וואס זעט אויס ווי א "בן גרים": ער האט ניט קיין אידישן פנים, בגשמיות אדער ברוחניות, און ער ווייסט ניט פון אידישקייט, ער ווייסט ניט קיינע מנהגי ישראל, ער ווייסט ניט אז ס'איז דא א מציאות פון תורה וכיו"ב,

אדער ער איז אן אריכאן, וואס זיצט ניט באם מזרח-וואנט וכו' - - קען -

---

189) ראה לקו"ש ח"ו ע' 244 ואילך. וש"נ. 190) ראה ב"ב עד, א. הנהובא קרד יא. 191) תשא לג, יח. 192) שם, כג.
193) כש"ט הוספות אות פט. וש"נ.



הנחה הת' בלתי מוגה

קען מען דאך גיין מיט א צוגאנג, אז ס'איז דאך "הדין דין אמת", און ס'איז זיכער ניט אז "השופט כל הארץ לא יעשה משפט" [194] – איז וויבאלד אז מ'זעט אז "קיפחתי את פרנסתי" איז א ראי' אז "הרעותי את מעשי" [195], און ס'איז ניט געווען "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו" –

במילא טענה'ט מען: וואס דארף מען יענעם מקרב זיין, וואס דארף מען זיך מישן אין דעם אויבערשטן'ס חשבונות?!

האט מען די הוראה פון הולדות ימי חיי רבי עקיבא:

רבי עקיבא איז געווען א בן גרים, און ביז ארבעים שנה האט ער ניט געלערנט קיין תורה – איז אויב מ'וואלט געגאנגען צו רבי עקיבא מיט אזא צוגאנג, אז דערפון וואס ער געפינט זיך אין אזא מעמד ומצב – איז א ראי' אז ס'איז געווען "הרעותי את מעשי" – במילא איז מען אים ווייטער מרחק –

איז דאך פארשטאנדיק וואס דערפון וואלט ארויס, הי' לא תהי' – מ'וואלט ניט געהאט די אלע תורות פון רבי עקיבא, ביז אז מ'וואלט ניט געהאט דעם "כולהו אליבא דרבי עקיבא"!

נאר אדרבה: רבי עקיבא אליין איז ניט נתפעל געווארן פון דעם וואס ער האט ניט געלערנט קיין תורה ביז ארבעים שנה, און ער האט זיך אפגעלערנט פון "אבנים שחקו מים" [196], אז בשעה עס האט געטראפעט געטראפעט געגוג וואסער האט דאס אדורכגעבראכן אויך א שטיין – אז אויך ער קען לערנען תורה כאטש ער איז אזוי אלט.

ועד"ז אלע די וואס האבן זיך פארנומען מיט רבי עקיבא זיינען ניט נתפעל געווארן פון דעם וואס רבי עקיבא האט נאך ניט געלערנט קיין תורה – און זיי האבן מיט אים געלערנט פון התחלת התורה, ווי דערציילט אין אבות דרבי נתן [197].

ביז אז רבי עקיבא איז געווארן פון די גרעסטע תנאים בדורו, און ער האט אויפגעשטעלט די ה' [198] (אדער ז' [199]) תלמידים וואס האבן אויפגעטאן א קיום אין דעם "עולם שמם" [200],

ביז אז "כולהו אליבא דרבי עקיבא" – כל התורה כולה איז אליבא דרבי עקיבא.

סח. און דערפון האט מען די הוראה, אז ווען מ'גייט ארויס – אין –

------------

194) וירא יח, כה. 195) קידושין בסופה. 196) אדר"נ שם. 197) שם. 198) יבמות סב, ב. 199) ב"ר פס"א, ג. קה"ר פי"א, ו. 200) יבמות שם.

אין "טיימס-סקווער" און מ׳טרעפט א איד וואס האט לכאורה קיינע מעלות ניט, און קיין שייכות ניט מיט אידישקייט, א קינד בגשמיות אדער ברוחניות - קען מען מיינען אז מ׳דארף אים ניט מקרב זיין, און וואס וועט עם העלפן וכו׳ -

לערנט אונז די מעשה מיט רבי עקיבא - אז ס׳איז רעכט אז אויב מ׳וועט אים מקרב זיין זאל ער אויסוואקסן א רבי עקיבא!

טענה׳ט ער: יעדער איינער ווייסט אז פון א איד וואס מ׳טרעפט אין "טיימס-סקווער" וועט ניט אויסוואקסן קיין רבי עקיבא.

זאגט מען אים, אז די גמרא[201] זאגט אז "מיום שחרב ביהמ"ק ניטלה נבואה מן הנביאים וניתנה לשוטים ולתינוקות" - איז-ווער איז דער "שוטה" און דער "תינוק" וואס קען זאגן א נבואה אז פון דעם אידן וועט ניט אויסוואקסן קיין רבי עקיבא?!

און אפילו אויב ניט רבי עקיבא אליין - איז א תלמיד פון רבי עקיבא; און אפילו אויב דאס אויך ניט - איז דאך יעדער איד בכלל אן "עולם מלא"[202], און דורך מקרב זיין אים שטעלט מען אויף אן "עולם מלא"!

סט. וואס דאס קומט אויך בהמשך צו דעם וואס מ׳האט פריער גערעדט וועגן דעם חג הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז - אז דאס האט באוויזן אז הפצת המעיינות דארף זיין אויך אין א מדינה ווי מדינה ההיא,

ביז אז עס דארף זיין הפצת המעיינות אויך בא אזוינע וואס זיינען אזוי ווי בני גרים, וואס זיי האבן ניט קיינע מעלות לכאורה - אבער אויך זיי זיינען אידן,

ואדרבה - דוקא בא זיי איז דא אן עילוי לגבי א איד וואס איז א בן אברהם יצחק ויעקב:

דער רמב"ם שרייבט אין זיין אגדה צו ר׳ עובדי׳ גר צדק[203], אז א איד וואס איז געבארן געווארן א איד איז זיך מתייחס צו אברהם יצחק ויעקב, ער איז א בן אברהם יצחק ויעקב; משא"כ א גר איז זיך מתייחס ניט "לאברהם יצחק ויעקב (ישראל) כ"א למי שאמר והי׳ העולם", ד.ה. - צו דעם אויבערשטן אליין בכבודו ובעצמו.

- וואס -

------------

201) ב"ב יב, ב. 202) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

203) נדפסה ברמב"ם הוצאה שולזינגר (נ.י. הש"ד) בהוספה לה"א סי"ט. תשובות הרמב"ם (ירושלים, הש"כ) כרך ב סרצ"ג.

וואס דאס איז אויך פארבונדן עם המבואר לעיל בנוגע צו רבי עקיבא, אז לבתחלה איז ער געווען בקצה הכי התחתון, און דערנאך איז ער נתעלה געווארן צו קצה הכי עליון - "כולהו אליבא דרבי עקיבא".

וואס דער ענין ווי רבי עקיבא איז אין קצה הכי התחתון איז מרומז אויך בשמו:

"עקיבא" איז פארבונדן מיט דעם ווארט "עקב", וואס דער עקב האדם איז דער מקום הכי תחתון אין קומת האדם.

פונדעסטוועגן איז רבי עקיבא נתעלה געווארן ביז אין קצה הכי עליון, וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ער איז געווען א גר (אדער א בן גרים) וואס איז זיך מתייחס "למי שאמר והי' העולם", העכער פאר סתם א איד, כנ"ל.

ע. די נקודה פון די גאנצע רייד איז - אז עס זאל אראפ-קומען אין א מעשה בפועל, אין הפצת היהדות, און במיוחד אין הפצת המעיינות,

און אין אן אופן וואס איז א הכנה מתאימה צו י"ב-י"ג תמוז - אנהויבנדיק פון פאן אין דעם שבת, שבת מברכים חודש תמוז, ועאכו"כ בערב ר"ח תמוז, ועאכו"כ בר"ח תמוז, ועאכו"כ בערב י"ב תמוז, ועאכו"כ בי"ב-י"ג תמוז אליין,

כתקות ורצון וברכת כ"ק מו"ח אדמו"ר, דער בעל הגאולה, אין זיינע מאמרים און בריוו.

ובפרט אז י"ב-י"ג תמוז בשנה זו איז אין א שנת השמיטה, "שבת לה'"[204], ובפרט אז דער יאר איז אויך מאה שנה פון דעם יום ההולדת פון דעם בעל הגאולה, וואס דעמולט איז זיכער אז אלע זיינע ענינים ווערן נמשך ביתר שאת וביתר עוז, ווארום צדיקים "לא יפרדו מעל צאן מרעיתם"[205],

עס דארף נאר זיין "עמדו הכן כולכם"[206] צו מקבל זיין די אלע המשכות און השפעות.

עא. און טאן בפועל אין אלע ענינים, כולל אויך אין דעם ענין פון "פעמעלי פלענינג", ווי מ'האט גערעדט פריער[207].

און נוסף צו דעם וואס מ'האט גערעדט וועגן "פעמעלי - פלענינג" -

------------

204) בהר כה, ב-ד. 205) ל' כ"ק אדמו"ר הריי"צ במכתבו - נדפס בס' חכמי ישראל בעש"ט (נ.י. תרפ"ד) לג, א. 206) ל' כ"ק אדמו"ר הריי"צ במכ' - נדפס בקונטרס לו בתחלתו (סה"מ קונטרסים ח"ב שצז, ב). 207) שיחת ש"פ נשא סל"ח ואילך. שיחה לה"קאנווענשאן" דנשי ובנות חב"ד התחי' - יום א' פ' שלח.

פלענינג", בנוגע צו אידן, אז מ׳דארף עס שולל זיין מעיקרא - דארף מען זיך אויך משהדל זיין צו דאס שולל זיין אויך בא בני נח,

ווי דער רמב"ם [208] פסק׳נט אז ס׳איז דא א מצוה אויף א אידן צו באווארענען אז בני נח זאלן מקיים זיין זייערע ז׳ מצוות מיט די אלע סניפים.

און בא בני נח איז אויך דא דער ענין פון פרי׳ ורבי׳ ווארום "לא תהו בראה לשבת יצרה"[209].

ונוסף לזה: כמה ענינים וואס מ׳טוט אין דעם ענין זיינען אן ענין פון רציחה און גזילה,

וואס דערפאר דארף מען דאס באווארענען אויך בנוגע צו זיי.

און דורך דערויף וואס מ׳וועט רעדן מיט א גוי - וועט דאס גופא פועל׳ן אויך אויף זיך (דעם אידן) אליין.

עב. ועד"ז בנוגע צו אידן גופא - דארף מען באווארענען אז מ׳זאל ניט זיין א "נבל ברשות ההורה"[210], דורך געפינען היתרים אין הורה פאר ענינים וואס דער יצה"ר וויל טאן.

דער איינציקער מאל וועז מ׳קען טאן די ענינים - איז אויב מ׳האט א היתר פון א רב,

און ניט א היתר וואס מ׳האט באקומען דורך דערויף וואס מ׳האט אזוי דערקוטשעט דעם רב, אז בכדי יענער זאל זיך פון אים אפטשעפען האט ער אים געגעבן א היתר - נאר דוקא בשעת מ׳האט א היתר ברור פון א רב אן קיינע זייטיקע ענינים.

און דאס איז נוגע ניט נאר צו נשים ובנות, וואס בא זיי איז מאי קמ"ל אז זיי דארפן טאן אין דעם - נאר דאס איז נוגע אויך צו אנשים.

עג. ויה"ר אז מ׳זאל טאן אין דעם ענין, ועד"ז אין שאר הענינים טובים, און אין אלע ענינים פארבונדן מיט אידישקייט בכל התוקף, און נאך מיט א גרעסערן תוקף - וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז,

און מ׳זאל אויסשטעלן א הכנה בנוגע צו די אלע ענינים וואס מ׳גייט טאן ביז י"ב-י"ג תמוז, וועט עס דעמולט זיין בהצלחה יתירה,

- און -

---

208) הל׳ מלכים פ"ח ה"י. 209) ישעי׳ מה, יח. וראה הוד"ה לא תוהו - גיטין מא, ב (בהירוץ הב׳). יבמות סב, א. לקו"ש ח"ה ע׳ 159 הע׳ 63. 210) רמב"ן ר"פ קדושים.

און זכות הרבים מסייעתם.

און פון דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז וועט מען גיין צו די גאולה האמיתית והשלימה, וואס וועט זיין נאך פאר דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז,

"בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו גו'"[211], "קהל גדול ישובו הנה"[212].

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. ופרצת.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווען זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

— * —

---

211) בא י, ט. 212) ירמי' לא, ח.

בס"ד. קטע משיחה ש"פ שלח, מבה"ח תמוז ה'תש"מ.

<u>הנהגה הת' בלתי מוגה</u>

א. המדובר לעיל[1] איז א הוראה ברוחניות וואס מ'נעמט ארויס פון פרשת המרגלים אין פרשת שלח;

דערנאך קומט צו וואס איצטער איז א זמן וואס איז זקוק פאר'א הוראה פון די מרגלים אויך בגשמיות העולם, אין ארץ ישראל כפשוטה.

ובהקדם:

דעמולט, בשעת מעשה המרגלים, זיינען די אידן ניט געווען אין א"י; זיי זיינען געווען אין אן ארט וואו עס האט זיי גארנים געפעלט: זיי האבן געגעסן מן, א לחם שאין בו פסולת[2], זיי האבן געטרונקען וואסער פון בארה של מרים, און זיי האבן געהאט דעם ענן הכבוד וואס האט גע'הרג'ט די נחשים ועקרבים[3], און "בעמוד ענן אתה הולך לפניהם יומם ובעמוד אש לילה", ווי עס שטייט בפרשתנו[4], ועד"ז אין פרשת בהעלותך[5], און די ענני הכבוד "היו שפים בכסותם ומגהצים אותם"[6],

ביז אז די עננים האבן אויך געבראכט כבוד צו די אידן (וואס דערפאר ווערן זיי אנגערופן "ענני <u>הכבוד</u>"[7]), ביז אז די אידן האבן געהאט כבוד אויך בא די גוים, ווארום די גוים האבן געזעהן די אלע עניגים וואס די עננים טוען פאר די אידן.

וואס דערפאר, ווען ס'איז געקומען צו אריינגיין און כובש זיין א"י, און מ'האט געשיקט די מרגלים צו פריער באקוקן א"י - זיינען זיי צודיקגעקומען און גע'טענה'ט אז מ'זאל בלייבן זיצן אין דעם ארט וואו מ'האט אלע עניגים, און ניט אריינלאזן זיך אין סכנה דורך גיין אין אן ארץ וואס "עז העם היושב בארץ"[8], און "ארץ אוכלת יושבי' היא"[9] - "שב ואל תעשה עדיף"[10].

און דערמיט האבן די מרגלים געוואלט מגין זיין אלע אידן פון א סכנה.

- דערנאך -

------------

1) בהשיחה סכ"ג ואילך. 2) ראה יומא עה, ב. פרש"י עה"פ חקת כא, ה. ועוד. 3) מכילתא עה"פ בשלח יג, כא. תנחומא בשלח ג. במדב"ר פ"א, ב. ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ בהעלותך י, לד. 4) יד, יד. 5) י, טו. 6) פרש"י עה"פ עקב ח, ד. 7) ראה לקו"ש חקת ש.ז. ס"ד ואילך. 8) פרשתנו יג, כח. 9) שם, לב. 10) ל' הז"ל - עירובין ק, סע"א.

דערנאך האט מען אבער געזעהן בפועל אז ס'איז געווען פונקט פארקערט: די מרגלים האבן געבראכט א סכנה פאר אלע אידן.

ב. דערפון האט מען א לימוד בזמננו אין ארץ ישראל כפשוטה, ובמכ"ש וק"ו:

כאמור, זיינען די אידן דעמולט געווען אין מדבר, און געהאט דארטן אלע ענינים, און די מרגלים האבן גע'טענה'ט אז מ'זאל דארטן בלייבן און ניט גיין אין ארץ ישראל;

היינט אבער האט דער אויבערשטער אפגעגעבן א"י צו אידן, און אידן געפינען זיך דארטן בפועל, ניט ח"ו אין אן אופן פון "עצמאות" - ווי אנדערע ווילן זאגן, וואס אך-און-ווי צו אזא "עצמאות": מ'איז קיינמאל ניט געווען אזוי אפהענגיק אין באקומען הילף פון אוה"ע, ווי מ'איז איצטער,

אבער עכ"פ - ברוחניות האבן אידן דארטן די גאנצע בעה"ב'שקייט, און אויך בגשמיות האבן אידן די בעה"ב'שקייט בפועל אין כו"כ ענינים

קומען צוגיין אזוינע אידן וואס שרייען "שלום עכשיו", און צו זיי זיינען זיך מצטרף אויך די קאמוניסטן און, להבדיל, די אראבער - און זאגן אז מ'דארף אפגעבן צו די אראבער הלקים פון א"י וואס איז אונטער דער בעה"ב'שקייט פון אידן,

ניט "שב ואל תעשה", ווי די מרגלים האבן גע'טענה'ט, אז מ'זאל בלייבן שטעקן אין מדבר און ניט אריינגיין אין א"י - נאר מ'האט א"י אונטער דער אייגענער בעה"ב'שקייט, און דאס וויל מען אפגעבן!

ג. און די טענה פון "שלום עכשיו", ווי אויך פון די קאמוניסטן און, להבדיל, די אראבער, איז פונקט ווי די טענה וואס די מרגלים האבן דעמולט גע'טענה'ט - "עז העם היושב בארץ", און דערפאר דארף מען ניט איינעמען און באזעצן ארץ ישראל:

וויבאלד עס זיינען דא אין ירושלים 60,000 אראבער, זיינען זיי דאך א סאך שטארקער פאר די אידן דארטן, "חזק הוא ממנו"[11] - דארף מען ניט אריינלאזן אידן אין דער "עיר בה חנה דוד"[12]!

און אויב עס געפינען זיך דארטן אידן - דארף מען זיי

- אוועקשיקן -

---

11) כדשהנו שם, לא. 12) ע"פ ישעי' כט, א.

אוועקשיקן בכח, ביז אז מ'דארף אפגעבן גאנץ ירושלים העתיקה, ביטן הר הבית, מיט קדה"ק, צו די אראבער!

ועד"ז טענה'ן זיי בנוגע צו חברון: וויבאלד עס זיינען דא אין חברון 50,000 אראבער, זיינען זיי א סאך שטארקער פאר די אידן דארטן, און צוזאמען דערמיט האבן זיי אויך א יחוס צו אברהם אבינו וואס ער ליגט אין מערת המכפלה אין חברון - דארף מען אויך דארטן ניט צולאזן קיינע אידן, און די אידן וואס זיינען דארטן - דארף מען אוועקשיקן.

ד. ועד"ז טענה'ן זיי אז מען דארף אפגעבן די אלע שטחים אין א"י וואס די אראבער ווילן האבן - ווארום "עז העם היושב בארץ", און "חזק הוא ממנו", זיי זיינען שטארקער פאר אונז,

און דערצו - "כל העם אשר ראינו בתוכה אנשי מדות"[13], און "שם ראינו את הנפילים בני ענק מן הנפילים"[14] - דער איז א גרויסער רצחן, דער איז א גרויסער גזלן, דער איז א גרויסער גנב, דער איז א גרויסער דיפלאמאט, און דער קען א סאך שפראכן וכיו"ב.

און נוסף לזה שרייען זיי אויך "שלום עכשיו": זיי האבן אויף זייער צד אויך די שטארקייט פון דעם ענין השלום, וואס "כל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם"[15]; און אין אן אופן פון "שלום עכשיו" - איצטער וועט זיין "שלום על ישראל",

ונוסף לזה שרייען זיי אויך אז אפגעבן די אלע שטחים צו די אראבער איז צדק ויושר וכו'. -

במילא דארף מען אפגעבן די אלע שטחים פון א"י צו די אראבער.

ה. און דורך דערויף, טענה'ן זיי, וועט מען מונע זיין אן ענין פון סכנה פאר אלע אידן, ווארום ס'איז אן "ארץ אוכלת יושבי'": אויב מ'וועט מגרה זיין די אראבער און זיי ניט נאכגעבן וואס זיי ווילן - וועלן זיי "אויפעסן" די אידן וואס לעבן אין א"י,

משא"כ אויב מ'וועט זיי נאכגעבן און זיי אפגעבן די שטחים וואס זיי ווילן, וועט זיין שלום, און "שלום עכשיו".

אט די וואס טענה'ן דאס - זיינען אידן, און אן עדה קדושה פון אידן, ע"ד ווי די מרגלים דעמולט, ביז אז אויך די קאמוניסטן וואס זיינען זיך מצטרף צו זיי זיינען אידן,

- ווארום -

------------

13) פרשתנו שם, לב. 14) שם, לג. 15) רמב"ם סוף הל' חנוכה.

ווארום "אע"פ שחטא ישראל הוא" [16].

און מיט דעם כח וואס זיי זיינען אן עדה קדושה פון אידן, קומען זיי און זיי טענה'ן אז די אראבער זיינען צו שטארק אז מ'זאל זיי קענען איינעמען, "עז העם היושב בארץ", מיט די אלע טענות האמורות לעיל פון "שלום עכשיו" און די קאמוניסטן און, להבדיל, די אראבער היינט - וואס זיי זיינען אן איבערדזעצונג פון טענה המרגלים דעמולט.

ו. אבער אזוי ווי מ'האט דעמולט געזעהן וואס די מרגלים האבן אנגעבראכט אויף די אידן, אז זיי האבן זיי אריינגעשטעלט אין א סכנה ממש -

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו וואס "שלום עכשיו" ברענגען איצטער אן אויף אידן און אויף א"י, אז זיי זיינען די "מהרסיך ומחריביך" [17] פון דעם אידישן פאלק, און פון א"י, רח"ל (ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון גופא וואס די קאמוניסטן און, להבדיל, די אראבער זיינען זיך צו זיי מצרף).

וואס כאטש אז זיי שרייען "שלום עכשיו", און ס'איז דאך ניטא קיין גרעסערע זאך ווי שלום -

איז אבער "אין שלום אמר ה' לרשעים" [18] - מ'ווייסט וואס די כוונה פון די "פ.ל.א." איז, און ווי זיי האבן דאס לעצטן'ס נאכאמאל באשטעטיקט אין אן אסיפה - אז זייער כוונה איז צו הייסן אלע אידן גיין פון גאנץ א"י!

און דאס איז ניט קיין סוד - זיי זאגן עס בגלוי, און ס'איז געדרוקט אומעטום, און יעדערער ווייסט דערפון,

און דאס איז ניט קיין נייע זאך - ס'איז שוין א מעשה פון 32 יאר וואס זיי זאגן דאס,

איז דאך פארשטאנדיק, אז וואס מ'וועט מיט זיי נאר אפרעדן, וועט עס ניט פירן צו קיין שלום.

ז. און אפילו אז מ'גיט זיי נאך, ווי די "שלום עכשיו" ווילן, על תנאי אז זיי זאלן חתמ'ענען אויף א פאפירל אז מ'מאכט שלום לפי שעה - איז ניט נאר וואס דאס העלפט ניט, נאר דאס ברענגט א סכנה בפועל פאר אידן.

ווי מ'האט עס געזעהן בפועל:

בעת מלחמת ששת הימים זיינען געווען אידן וואס האבן - געזאגט -

------------

16) סנהדרין מד, רע"א. 17) ל' הכתוב - ישעי' מט, יז.
18) שם כח, כב.

געזאגט אז מ'וויל ניט איינעמען ירושלים העתיקה וכו'.

דערנאך ווען זיי האבן, בהכרח, איינגענומען ירושלים העתיקה און די איבעריקע שטחים - האבן זיי גלייך געשיקט שלוחים קיין וואשינגטאן, קיין לאנדאן, קיין פאריז וכו' - אז מ'זאל וויסן אז מ'וויל אפגעבן די אלע שטחים צו די גוים!

וואס דאס איז דאך א מתנה וואס דער אויבערשטער האט געגעבן אידן - און די מתנה זיינען אידן געקומען אוועקגעבן צו די גוים!

און די איינציקע סיבה פארוואס מ'האט עס בפועל ניט אפגעגעבן צו די גוים איז - דערפאר וואס די גוים האבן ניט קיין בחירה, ס'איז "לב מלכים ושרים ביד ה'"[19], און דער אויבערשטער האט ניט צוגעלאזן אז די גוים זאלן דאס נעמען.

אבער די אראבער האבן געוואוסט וועגן די שלוחים וואס מ'האט געשיקט, האט עס זיי מחזק געווען, און זיי האבן באקומען נאכמער תוקף צו אפטאן די אלע טעראריסטישע ענינים, וואס ציען זיך עד היום הזה, און ווערן שטארקער און שטארקער, רח"ל.

ולא כדעת הטועים וואס מיינען אז דער טערור האט זיך אנגעהויבן לעצטן'ס - דאס איז א שקר גמור: דער טערור ציט זיך שוין ליידער מידי חודש בחדשו זינט נאך מלחמת ששת הימים, ווען די אראבער האבן באקומען תוקף דערפון וואס זיי האבן געזעהן אז אידן האבן מורא און שיקן שלוחים אז מ'וויל נאכגעבן וכו'.

ח. ועד"ז איז געווען יעדער מאל וואס אידן האבן עפעס איינגענומען פון די אראבער, זיינען אידן געלאפן צו די גוים אז מ'וויל אפגעבן און מ'וויל שלום און מ'וויל צדק ויושר.

און יעדער מאל האט דאס געגעבן נאכמער תוקף און חיזוק צו די אראבער.

ביז אז ס'איז געקומען, צו דעם אז מ'האט גע'הרג'ט א אידן, א ישיבה בחור, אין חברון אינמיטן שטאט.

און זינט דעמולט לאזט מען ניט אז מ'זאל געפינען דעם וואס האט עס געטאן, בכדי ניט אנצודייצן די אראבער, און מאכן "שלום" מיט זיי -

האט דאס גורם געווען אז די אראבער זאלן האבן מערער - חיזוק -

------------

19) ע"פ ל' הכתוב - משלי כא, כא.

חיזוק און תוקף, ווארום זיי זעהן אז די אידן האבן מורא פאר זיי - האבן זיי דערנאך גע'הרג'ט נאך זעקס אידן, און פארוואונדעט נאך כו"כ.

דערנאך אז מ'האט זיך פארטשעפעט מיט צוויי אראבער - האט מען אויפגעהויבן א שטורעם, און געשיקט צענדליקער פאליציי צו גיין זוכן ווער האט עס געטאן, און מ'האט עס מפרסם געווען אז אלע גוים זאלן וויסן אז מ'טוט דאס.

וואס זוכן די וואס האבן דאס געטאן - דארף טאקע אזוי זיין; אבער ווען מ'בארימט זיך און מ'מאכט א גאנצן שטורעם אז מ'טוט אלץ וואס מ'קען צו געפינען ווער האט עס געטאן צו די אראבער - איז דאס מבליט צו די אראבער אז ווען זיי האבן אנגערירט אידן, האט מען ניט געמאכט אזא שטורעם - פארשטייען זיי אז מ'וויל דערפון ניט מאכן קיין שטורעם, במילא פועל'ט עס אז זיי זאלן דאס נאכאמאל טאן, רח"ל.

ט. וואס דערפון איז פארשטאנדיק ווי "שלום עכשיו" ברענגען א סכנה ממש צו אידן און צו א"י, רח"ל.

און אעפ"כ זיינען זיי ווייטער ממשיך צו זאגן אז מ'זאל אפגעבן נאך שטחים צו די אראבער, וואס צוליב דעם וועט מען באקומען פון זיי א פאפירל אז מ'מאכט שלום.

און מ'איז זיך ניט מסתפק מיט דעם וואס מ'האט שוין אפגעגעבן אזוי פיל ערטער, וואס דארטן איז דא נפט וואס מ'האט געדארפט האבן, און דורך דערויף האט מען אפגעשוואכט דעם אייגענעם בטחון, און נאך ענינים, רח"ל.

און אלץ מיט דער טענה אז דערפאר באקומט מען "שלום עכשיו", און אזוי ווי אידן זיינען אן "עם חכם ונבון"[20], וועלן זיי זיכער קענען מסדר זיין אז אלץ זאל זיין בשלימות אן די נפט, און אן די מקומות הבטחון וכו'.

וואס כאמור, דאס איז די גרעסטע איינרעדעניש אז דערפאר באקומט מען שלום - ווארום מ'זעט בפועל וואס די כוונה פון די אראבער איז.

און אפילו את"ל (וואס די מציאות איז בפירוש ניט אזוי, כנ"ל) אז מ'באקומט א שלום אמיתי לפי שעה, ווי זיי טענה'ן - "שלום עכשיו" -

איז דאך אבער ידוע אז ווען מ'רעדט וועגן א דבר המהלך קוקט מען ניט אויף דעם מצב פון דער זאך בהוה, נאר מ'קוקט

- אויף -

------------

20) ואתחנן ד, ו.

אויף דעם מצב ווי די זאך וועט זיין בעתיד, ד.ה. אין וועלכע ריכטונג עס פירט צו:

אפילו אויב דער מצב פון דעם דבר המהלך בהוה איז ניט גוט - איז אבער אויב עס פירט צו א גוטע זאך, קוקט מען וואוהין עס פירט; אויב דער מצב פון דער זאך בהוה איז גוט, אבער דאס פירט צו א מצב וואס איז ניט גוט - קוקט מען אויך וואוהין עס פירט.

עד"ז בנדו"ד:

מ׳זעט בפועל וואוהין עס פירט דער צוגאנג פון נאכגעבן די אראבער, במילא איז אפילו אויב מ׳וועט זיך איינרעדן אז דערוויייל האט מען שלום, "שלום עכשיו" - איז דאס קיין נפק"מ ניט, ווארום דאס פירט אין א כיוון בלתי רצוי,

ווארום זייער כוונה איז ניט לשלום, נאר צו אוועקשיקן אלע אידן פון א"י, כנ"ל.

י. און דער וואס איז בוחן יעדער מצב און יעדער ענין וואס מ׳האט אין אים שאלות ווי מ׳דארף זיך פירן, איז - משה רבינו, ד.ה. תורת משה - דער שו"ע, כנ"ל[21].

ווי ס׳איז געווען בא די מרגלים, אז ווען זיי האבן גע׳טענה׳ט אז "עז העם היושב בארץ", האט מען געדארפט גיין צו משה רבינו און זעהן וואס משה און תורה משה זאגט.

ד.ה. אז אפילו אויב מ׳מיינט אז מ׳מאכט חשבונות ע"פ שכל, אז "עז העם היושב בארץ", און מצד צדק ויושר וכו׳, דארף מען אפגעבן די אראבער - .

זאל מען אויפעפענען דעם "אלטיטשקן" שו"ע, וואס משה האט אים מקבל געווען פון דעם אויבערשטן, און ער איז א נצחי און זיינע הוראות זיינען נצחיים בכל הזמנים, און זעהן וואס דער שו"ע זאגט וועגן דעם ענין.

וואס וויבאלד אז דער שו"ע איז געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, וואס ער פירט אן מיט דער וועלט, און ער ווייסט אלע חשבונות פון צדק ויושר, ואדרבה - ער איז טבע הטוב, וואס "טבע הטוב להטיב"[22] - איז א זיכערע זאך אז אויב מ׳פירט זיך ע"פ דעם שו"ע וועט זיין טוב אמיתי פאר אלע מענטשן אין דער וועלט.

דער אויבערשטער האט טאקע געגעבן צוויי אופנים ווי - מ׳קען -

------------

21) בהשיחה ס"ל וסל"ב. 22) עמה"מ שער שעשועי המלך דפ"א. שעהיוה"א פ"ד (עט, א).

הנחת הת׳ בלתי מוגה

מ'קען זיך פירן, "ראה נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב וגו'"[23] – אבער צוזאמען דערמיט האט ער געגעבן דעם שו"ע, ער זאל העלפן דעם מענטשן אז עס זאל זיין "ובהרת בחיים"[24].

און אויב מ'טוט ח"ו פארקערט ווי משה רבינו זאגט אין שו"ע – איז דאס בדוגמא ווי עס שטייט אין שו"ע[25] אז אויב איינער גלייכט זיך צו משה רבינו איז "מלקין אותו" – ווארום דערמיט וואס ער טוט ווי ביי אים קומט אויס און ניט ווי עס קומט אויס בא משה רבינו, אין שו"ע, באווייזט ער אז ער האט א דעה און איז א מציאות ווי משה רבינו.

אבער אפילו דעמולט דארף מען וויסן אז דער אויבערשטער, וואס ער איז "טבע הטוב להטיב", וואס ער איז דער זעלבער אויבערשטער וואס איז געווען בא מ"ת, און דער זעלבער אויבערשטער וואס איז געווען אין זמן פון ביהמ"ק – וועט זיכער אויספירן, ווארום "דבר אלקינו יקום לעולם"[26],

ס'איז נאר א נפק"מ צי ער וועט אויספירן פריער צי שפעטער, און אויב א איד איז מחליט צו בוחר זיין "בחיים" פארשפארט ער אז דער אויבערשטער זאל אליין אויספירן.

יא. דערביי קומט אויך צו די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם חג הגאולה י"ב-י"ג תמוז:

איין איד האט זיך אוועקגעשטעלט מיטן גאנצן תוקף קעגן א מלוכה אדירה. וואס אנדערע האבן אויף דערויף גע'טענה'ט: וואס איז דאס פאר א סדר איינשטעלן זיך אין סכנה וכו'?!

איי וואס וועט זיין מיט די תלמידים? זאל דער אויבערשטער זארגן, "בהדי כבשי דרחמנא למה לך"[27].

און זיי האבן טאקע אזוי באוויזן די וועג: די ערשטע געלעגנהייט וואס זיי האבן געהאט האבן זיי גענומען און אנטלאפן פון דארטן, און געלאזט די תלמידים אויף הפקר!

משא"כ דער בעל הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז, האט באוויזן א צווייטן דרך: ער האט זיך איינגעשטעלט במס"נ בפועל, און איינגעשטעלט אנדערע שלוחים, אויף צו אויפהאלטן אידישקייט בא די דריי-פיר מיליאן אידן וואס זיינען דעמולט געווען במדינה ההיא.

וואס דערפון האט מען די הוראה אויף וויפל מ'דארף זיך איינשטעלן אויף תורת משה און אויפן שו"ע וואס משה האט באקומען פון דעם אויבערשטן.

- יב. -

------------

23) נצבים ל, טו. 24) שם, יט. 25) יו"ד סו"ס רמב. 26) ישעי' מ, ח. 27) ברכות י, א.

יב. דאס איז אבער א הוראה ברוחניות הענינים; ווי גערעדט פריער בארוכה האט מען פון שבת פ' שלח, פון דעם חטא המרגלים, א הוראה אויך בגשמיות - ווי דאס איז בזמננו בגשמיות אין א"י כפשוטה,

אז אזוי ווי די מרגלים האבן דעמולט גע'טענה'ט "עז העם היושב בארץ", און ס'איז א סכנה צו איינעמען און באזעצן א"י,

עד"ז היינט טענה'ן כמה אידן, אז עס דארף זיין "שלום עכשיו" און צו זיי זיינען זיך מצטרף קאמוניסטן און, להבדיל, אראבער - אז די אראבער זיינען א סאך און שטארק, במילא דארף מען זיי נאכגעבן וואס זיי ווילן, און נים באזעצן די שטחים וכו'.

און פון דעם המשך הסיפור וואס די תורה דערציילט וועגן די מרגלים - האט מען די הוראה נצחית אויך אויף די טענות היינט פון "שלום עכשיו", כמדובר לעיל בארוכה,

ווארום די תורה איז נצחיה ("דבר אלקינו יקום לעולם") אין אן אופן פון א פעולה נמשכה[28], און וויבאלד אז די תורה איז א הודת חיים - גיט זי ארויס הוראות בחיים לעולמי עד.

יג. ויה"ר אז עס זאל זיין ווי עס שטייט ווייטער אין סדרה[29] - "כי תבואו אל ארץ מושבותיכם" - "בישר להם שיכנסו לארץ"[30], און - "בבואכם אל הארץ"[31] אין אן אופן פון "מיד"[32].

וואס דעמולט איז דאס געווען נאך פאר דעם קץ; עאכו"כ איצטער וואס "כבר כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[33] - וועט עס זיכער זיין "מיד"[34],

ווארום א הרהור תשובה קען אויפטאן אז מ'זאל ווערן א צדיק גמור[35] "בשעתא חדא וברגעא חדא"[36].

און מ'וועט גיין אין ארץ הקודש און דארטן מקריב זיין בכל יום די קרבנות, מיט די מנחה און נסכים (ווי דערציילט אין דער פרשה), ומתוך שמחה וטוב לבב, ווי מ'דארף מקריב זיין קרבנות[37],

"קהל גדול ישובו הנה"[38], ובמהרה בימינו ממש.

* 

28) ראה לקו"ש ח"ה ע' 240 ובהערות שם. 29) טו, ב.
30) פרש"י עה"פ. 31) פרשהנו שם, יח. 32) ראה פרש"י עה"פ.
33) סנהדרין צז, ב. 34) ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.
35) ראה קידושין מט, ב. לקו"ה דברים א, ב. 36) ראה זח"א קכט, סע"א. 37) ראה ספרי עה"פ בהעלותך י, י. ירושלמי ר"פ פסחים ר"פ מקום שנהגו. הובא בתוס' שם. 38) ירמי' לא, ה.

בס"ד. שיחת ש"פ קרח, ל׳ סיון ואדר"ה תמוז ה׳תש"מ.

הנחת הת׳ בלהי מוגה

א. ס׳איז דאך שבת ראש חודש תמוז, און צוזאמען דערמיט – יום השלשים פון חודש סיון.

וואס דער קשר דערפון צו דעם מאסר און גאולה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, איז:

דער מאסר האט זיך אנגעהויבן אין דעם טאג פון "קיימא סיהרא באשלמותא"[1] פון חודש סיון, ט"ו סיון[2], וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו יום השלשים פון חודש סיון,

און די גאולה ממאסר איז געווען אין חודש תמוז – י"ב-י"ג תמוז, וואס דאס האט א שייכות מיוחדת מיט ראש חודש תמוז.

ב. והביאור בזה:

יום השלשים פון חודש סיון (ועד"ז פון יעדער חודש) איז ניט סתם א טאג אין חודש סיון – נאר אין דעם טאג דריקט זיך אוים די שלימות פון חודש סיון:

ס׳איז דא א חודש וואס תורה אמה רופט אים אז א חודש חסר, וואס בפשטות מיינט דאס אז אין דעם חודש זיינען דא כ"ט יום;

און ס׳איז דא א חודש וואס תורה אמה רופט אים אן א חודש מלא, וואס בפשטות מיינט דאס אז אין דעם חודש זיינען דא שלשים יום.

און דער טאג וואס באווייזט און אין אים דריקט זיך אוים אז דער חודש איז א חודש מלא – איז דאס דער יום השלשים פון דעם חודש.

קומט דאך דערפון אוים, אז דער יום השלשים פון חודש סיון האט א שייכות מיוחדת מיט כל ימי החודש, דערמיט וואס דעמולט איז די שלימות פון אלע ימי החודש.

עד"ז האט ראש חודש תמוז א שייכות מיוחדת מיט אלע ימי החודש:

ס׳איז מבואר אין חסידות (אין די מאמרים פון דעם אלטן רבי׳ן[3], פון דעם מיטעלן רבי׳ן[4], פון דעם צ"צ[5], און פון די

– נשיאים –

------------

1) ראה זח"א קנ, דע"א. ח"ב פה, א. ועוד. 2) מכתב ט"ו סיון תרפ"ח. היום יום ע׳ ע. לקו"ד כרך ד תריא, א.
3) לקו"ת ר"ה נח, א. 4) עט"ר שער ר"ה ספ"ב. 5) אוה"ת בראשית ט, דיש ע"ב.

נשיאים שלאחריו), אז ראש חודש ווערט אנגערופן "ראש חודש" און ניט החלת ההודש - דערפאר וואס דער טאג איז ניט נאר דער אנהויבס פון דעם חודש, נאר ער איז אויך דער "ראש" צו אלע ימי החודש:

אזוי ווי דער ראש פון דעם אדם איז כולל אין זיך דעם חיות פון אלע אברי האדם, און אויך דערנאך, ווען די אברים ווערן נמשך במקומם, ווערן זיי אנגעפירט פון דעם חלק בגוף וואס ווערט אנגערופן "ראש", ביז אז אויך די פעולות פון די אברים ווערן אנגעפירט דורך דעם ראש -

עד"ז איז דער ראש פון דעם חודש כולל אין זיך אלע ימי החודש, און אויך דערנאך, ווען די ימי החודש שטייען במקומם און זיינען פועל פעולתם, ווערן זיי אנגעפירט דורך דעם חלק ועניך וואס ווערט אנגערופן "ראש חודש".

ג. דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס היינטיקער טאג, וואס ער איז סיי דער יום השלשים פון חודש סיון, און סיי ראש חודש תמוז - האט א שייכות מיוחדת מיט דעם מאסר און גאולה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר -

ווארום מצד דעם וואס ער איז דער יום השלשים פון חודש סיון, איז ער די שלימות פון ט"ו סיון וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן דער מאסר; און מצד דעם וזאס ער איז ראש חודש תמוז, איז ער דער טאג וואס איז דער ראש און איז כולל די ימי הגאולה י"ב-י"ג תמוז.

און דיביידע ענינים קומען צוזאמען אין איין טאג, וואס פון איין זייט איז דער טאג דער יום השלשים פון חודש סיון, במילא געהערט ער דאך צו חודש סיון, אבער צוזאמען דערמיט ווערט ער אויך אנגערופן ראש חודש תמוז, וכידוע די שקו"ט בזה בנוגע ווי צו שרייבן דעם תאריך אין שטרות וכיו"ב[6].

ד. דער קשר פון דעם מאסר מיט דער גאולה (ווי זיי שטייען ביידע אין דעם שבת) וועט זיין נאכמער פארשטאנדיק ע"פ דעם סיפור הענינים וואס עס האט דעמולט געטראפן:

דער מאסר האט זיך אנגעהויבן בט"ו סיון, אין דעם טאג פון "קיימא סיהרא באשלמותא" פון "ירחא תליתאי"[7](כנ"ל), ווארום דעמולט איז געווען דער "שלימות" ("קיימא סיהרא באשלמותא") פון די החלטות וואס מ'האט אנגענומען אויף זיך יענעם זמן בהן הורהנו צו טאן אין הפצת "אוריאן תליתאי"[7] ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע מניעות ועיכובים, ביז - גיין אויף מס"נ בפועל אויף דעם,

- אבער -

---

6) ראה שו"ע אה"ע סקכ"ו ובנ"כ שם. 7) ראה שבת פח, א.

אבער וויבאלד ס'איז געווען אין זמן הגלות - האט דאס געבראכט צו דעם מאמר אין יענעם טאג, ווי ס'איז געווען בפשטות הענינים.

ע"פ פנימיות הענינים אבער, איז די גאנצע כוונה פון דעם מאמר אז דערנאך זאל זיין די גאולה (ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[8]), ובלשון הידוע ירידה צורך עלי' - בכדי אז עס זאל זיין "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[9], אז דורך דעם מאמר זאל צוקומען א יתרון ביתר שאת ויתר עז לגבי ווי ס'איז געווען לפני המאמר.

און דערנאך בי"ב-י"ג תמוז איז ארויסגעקומען די גאולה בפועל,

וואס דעמולט איז נתגלה געווארן די כוונה פנימיה אין דעם מאמר - אז דאס איז געווען בכדי עס זאל זיין "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות".

ועי"ד ווי ס'איז געווען בא מ"ת[10], אז מ"ת האט געקענט זיין ערשט נאך דערויף וואס ס'איז געווען "וישמע יתרו גו' את כל אשר עשה אלקים גו'"[11], און אויך "ויבא יתרו גו'"[12], "שמועה שמע ובא"[13], און ער האט געזאגט [14] "עתה ידעתי כי גדול ה' מכל האלקים", וואס דאס איז דער ענין פון "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות",

ובדוגמא לזה איז געווען בא דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, אז די זעלבע מענטשן [15] וואס האבן אריינגעזעצט דעם בעל המאמר והגאולה אין מאסר, האבן דערנאך געזעהן און געזאגט "עתה ידעתי", אז מ'דארף אים ארויסלאזן פון מאסר, ביז אז דאס האט געבראכט די גאולה, און די הוספה ביתר שאת וביתר עז אין תומ"צ וואס איז דערנאך ארויסגעקומען דורך דערויף - "יתרון האור מן החושך ויתרון החכמה מן הסכלות".

ה. - די גאולה ממאסר האט זיך אבער ניט אנגעהויבן ערשט בי"ב-י"ג תמוז - נאר די אתחלתא דגאולה איז שוין געווען ג' תמוז, כמדובר כמ"פ[16].

- דערנאך -

------------

8) שיחת ש"פ שלח, מבה"ח תמוז סט"ו. וראה גם לקו"ש י"ב-י"ג תמוז תשל"ח ס"ה ואילך. 9) ע"פ ל' הכתוב - קהלת ב, יג. וראה בהנסמן בלקו"ש שם הע' 49. 10) ראה זח"ב סז, ב. סח, א. אוה"ת ר"פ יתרו. ד"ה ויאמר משה תש"ט פ"ו. לקו"ש חי"א ע' 74 ואילך. 11) יתרו יח, א. 12) שם, ה. 13) מכילתא ופרש"י ר"פ יתרו. 14) יתרו שם, יא. 15) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1165 ואילך. ח"ח ס"ע 120 ואילך. 16) לקו"ש ח"ד ס"ע 1314 ואילך. י"ב-י"ג תמוז הנ"ל סוס"ה. ועוד.

דערנאך קומט צו נאכמער (וואס דאס איז נאכמער מדגיש דעם קשר מיוחד פון שבת ר"ח תמוז מיט דעם מאסר און גאולה):

די גאולה האט זיך בעצם אנגעהויבן בר"ח תמוז, כידוע דער סיפור הדברים בזה, אז מצד די חשבונות פון די שלטונות האבן זיי משחרר געווען דעם בעל המאסר והגאולה שוין בר"ח תמוז,

נאר וויבאלד אז אין דער קביעות פון יענעם יאר איז ג' תמוז אויסגעקומען ביום הראשון בשבוע, און יום ב' דר"ח תמוז איז געווען ערב שבת, און זיי האבן געזאגט דעם בעל המאסר והגאולה אז ער קען אהיים-פארן (אין לענינגראד) אויף שעות ספורות, און דערנאך גלייך פארן אין קאסטראמא, עיר מקלט -

איז מצד דעם ספק אז דאס קען אנרירן אין שמירת שבת (וואס די מצוה האט מען מקבל געווען ב"ירחא הליהאי"), איז "יום אחד הוסיף משה מדעתו"[17], און דער בעל המאסר והגאולה האט אפגעשטופט דעם סיום המאסר ביז ג' תמוז,

וואס דורך דערויף איז צוגעקומען א הוספה אין מס"נ אויף תומ"צ, אויף שמירת שבת.

וואס דערפון קומט דאך אוים אז די גאולה האט זיך בעצם אנגעהויבן ביום ב' דר"ח תמוז, מצד דער החלטה פון די שלטונות.

און עס קען אפשר זיין אז די החלטה בזה (בא די שלטונות) איז שוין געווען ביום א' דר"ח תמוז (יום ה' בשבוע)*, וואס דאס איז היינטיקער שבת.

אפילו יום ב' דר"ח תמוז, וואס דעמולט האט זיך זיכער אנגעהויבן די גאולה כמאסר (כנ"ל) - האט אויך א שייכות מיט היינטיקן שבת, יום א' דר"ח תמוז, וואדום דער זמן פון רעוא דרעוין פון דעם שבת איז פארבונדן מיט דעם טאג פון ב' דר"ח תמוז, וואס דערפאר זאגט מען ניט קיין "צדקתך צדק" צו מנחה.

ו. ס'איז דאך "הימים האלה נזכרים ונעשים"[18]: די כוונה

- פון -

------------

*) להעיר מכה"ש הש"א ע' 139, שההודעה לבעל המאסר והגאולה אודות גלוהו לעיר קאסטראמא כו' "איז געווען דאנערשטאג, א' דר"ח תמוז".

------------

17) ל' חז"ל - שבת פז, א. 18) ל' הכתוב - אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בס' תיקון שובבים. הובא ונתבאר בס' לב דוד (להחיד"א) פכ"ט.

פון דעם וואס מ׳דערמאנט זיך אויף די ענינים וואס זיינען דעמולט געווען, איז - בכדי צו ארויסנעמען דערפון א הוראה אין מעשה בפועל:

מ׳דארף טאן אין די ענינים וואס דער בעל הגאולה האט געמאנט, אנהויבנדיק פון אנעמען אויף זיך אין "ירהא הליתאי" אז מ׳וועט טאן אין הפצת "אוריאן תליתאי", ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע מניעות ועיכובים, כרצון בעל המאסר והגאולה,

וואס דאס מיינט בפשטות - הפצת לימוד התורה.

און "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[19] - אראפברענגען דעם לימוד התורה אין קיום המצוות בפועל, וואס אין דעם באשטייט די גדלות פון לימוד התורה, ווארום דאס וואס "גדול תלמוד" איז דאס דערפאר וואס דאס איז "מביא לידי מעשה", כידוע דער דיוק בזה[20] מיוסד אויף הל׳ ת"ת פון דעם אלטן רבי׳ן[21].

ז. ובפרט דארף מען טאן אין הפצה פון די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם חג הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז, ווי דער בעל המאסר והגאולה האט ארויסגעגעבן אין זיינע מאמרים ומכתבים,

ובפרט אין דעם מכתב וואס ער האט ארויסגעגעבן לחגיגת י"ב תמוז בגילוי בפעם הראשונה[22], און אין דעם מאמר וואס ער האט דערצו מצרף געווען[23], וואס התחלתו איז "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה כו׳"[24].

וואס אין דערויף (אין דעם ענין פון "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה") איז מודגש צוויי ענינים בנוגע צו א הוראה בפועל אין עבודת האדם: דער ענין פון עסק התורה, און דער ענין פון אהבת ישראל:

מ׳דארף זעהן אז וואו מ׳גייט זאל מען צוזאמענקלייבן צען אידן, און זיי זאלן זיך אוועקזעצן לערנען תורה, עס זאל זיין "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה",

וואס "עשרה (שיושבים)" זיינען כולל אין זיך אלע צען סוגים פון אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך"[25],

- ע"ד -

------------

19) ראה קידושין מ, ב. 20) ראה מכתב ז׳ אייר תשכ"ד - לקוטי ביאורים לתניא (להר"י שי׳ קארף) ע׳ תצט. 21) פ"ד רס"ג. 22) ראה שיחת י"ב תמוז השל"ח סי"ז. 23) נדפסו בסה"מ תרפ"ח ע׳ קמו ואילך. תש"ח ע׳ 263 ואילך. 24) אבות פ"ג מ"ו. 25) נצבים כט, ט. וראה לקו"ת ר"פ נצבים.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

ע"ד ווי די סוגים פון אידן וואס ער רעכנט אויס אין דעם מכתב - פון "אותי בלבד" ביז "אשר בשם ישראל יכונה".

און זיי אלע זאלן זיין "יושבים ועוסקים בתורה" צוזאמען, ניט אין אן אופן וואס ס'איז דא מחלוקות און חילוקים ביניהם, נאר זיי לערנען די זעלבע זאך, ס'איז דער זעלבער "עוסקים בתורה" פאר "ראשיכם שבטיכם" און פאר "חוטב עציך" און "שואב מימיך", דער זעלבער "גאל" פאר "אותי בלבד" און פאר "אשר בשם ישראל יכונה",

וואס בכדי אז דאס זאל זיין אין אזא אופן - דארף זיין דער ענין פון אהבת ישראל אמיתית.

און אזוי ווי ער דארף צוזאמענקלייבן אלע צען סוגים פון אידן, און זעצן זיי לערנען תורה - עאכו"כ אז בא זיך אין נפש דארף ער צוזאמענקלייבן אלע עשר כחות האדם.

ח. און דאס איז אין אן אופן פון "עשרה שיושבים ועוסקים בהורה":

ער לערנט תורה אין אן אופן פון "עוסק בתורה"[26], ווי ס'איז זיין אייגענער עסק, ניט ווי אן אנגעשטעלטער ארבעטער, וואס ער איז טאקע עוסק במשאו ומתנו באמונה, במילא קוקט ער אויפן זייגער וועו עס ענדיקט זיך דער זמן וואס ער איז מחוייב ארבעטן, און ער גייט ניט אוועק א רגע פאר דעם זמן; אבער לאידך - נאך דעם וואס עס ענדיקט זיך דער זמן וואס ער דארף ארבעטן - גייט ער אוועק פון דער ארבעט צו זיינע ענינים, כאילו ווי ער האט פריער ניט געארבעט -

נאר ער טוט אין דעם ווי ס'איז זיין עסק, וואס דעמולט איז אפילו נאך דערויף וואס ער גייט אהיים פון דער ארבעט - טראכט ער בסדר וועגן דעם עסק,

ביז אז אפילו וועו ער שלאפט - חלום'ט ער וועגן דעם עסק, ווארום דאס איז פון הרהורי לבו ביום[27],

ועד"ז ווי דאס איז ביי א חכם, וואס א חכם דארף זיין ניכר אויך בשינהו[28], אז ער איז ניכר בשינהו, דורך דערויף וואס וועו ער שלאפט חלום'ט זיך אים מהרהורי לבו ביום.

ט. ועד"ז איז בא די "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה" דא אויך דער צווייטער ענין וואס איז דא בא איינעם וואס טוט

- אין -

------------

26) ראה סד"ה אריב"ל דבר זה כו', סד"ה אריב"ל בכל יום כו' - הרפ"ח (סה"מ הרפ"ח ע' קיב. קכז). 27) ראה ברכות נה, ב. 28) ראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג ורפ"ה.



הנחת הת' בלתי מוגה

אין אן עסק שלו[29]:

ניט ער ווארט אז איינער זאל קומען צוגיין צו אים און פרעגן ביי אים צי ער האט בכלל סחורה צו פארקויפן, און צי ער האט די און די סחורה, און צי ער קען דאס צושטעלן וכו׳ -

נאר ער גייט ארוים און זוכט איינעם וואס וויל קויפן זיין סחורה.

ע"ד ווי ס׳איז געווען בא דעם אויבערשטן - וואס "צדיקים דומין לבוראן"[30]:

דער אויבערשטער איז ארומגעגאנגען איבער דער גאנצער וועלט און האט זיך נאכגעפרעגט און געזוכט ווער עס וויל קויפן זיין "חמודה גנוזה"[31], די תורה[32].

י. און דאס נעמט מען ארוים פון דער התעוררות פון שבת ר"ח תמוז - נוסף צו דער התעוררות וואס מ׳נעמט ארוים פון שבת מברכים החודש תמוז, ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[33].

און דערפון נעמט מען התעוררות און כחות אויך אויף טאן ווייטער, און מוסיף זיין נאכמער טאן וואס נענטער מ׳קומט אן צו י"ב-י"ג תמוז, ובפרט בשנה זו, וואס בי"ב תמוז ווערט מאה שנה זינט הולדתו פון דעם בעל הגאולה.

און דער עיקר - אז עס זאל אראפקומען במעשה בפועל למטה מעשרה טפחים, כרצון וכחקות בעל המאסר והגאולה, וואס ער האט אויך געגעבן די ברכות און די כחות אויף דעריף;

ואין הדבר תלוי אלא ברצון - עס דארף נאר זיין "עמדו הכן בולכם"[34] צו מקבל זיין די ברכות און די השפעות, און זיי אראפברענגען בפועל,

ומתוך שמחה וטוב לבב, ומתוך הרחבה, למטה מעשרה טפחים, ומוסיף והולך ואור.

* * *

יא. כמדובר כמ"פ איז אויך דא א הוראה מיוחדת פון דער קביעות מיוחדת בכל שנה ושנה.

- ועד"ז -

------------

29) ראה ד"ה הסכת ושמע תרצ"ג פ"ג (סה"מ קונטרסים ח"א רנה, סע"ב ואילך). 30) ב"ר פס"ז, ח. 31) שבת פח, ב. 32) תנחומא ברכה ד. פרש"י עה"פ ברכה לג, ב. 33) שיחת ש"פ שלח, מבה"ח תמוז ס"א ואילך. 34) ל׳ כ"ק אדמו"ר הריי"ץ במכתבו - נדפס בקונטרס לו בהחלתו (סה"מ קונטרסים ח"ב שצז, ב).

ועד"ז בנוגע צו היינטיקן שבת, ד"ח תמוז – דארף זיין א הוראה מיוחדת דערפון וואס דער שבת איז שבת פרשת קרח.

וואס אין דערויף איז דא א דבר המוה, וואס קיינער שטעלט זיך ניט אויף דערויף,

וכמדובר כמ"פ אז דוקא אויף א תמי' גדולה ביותר, א "קלאץ קשיא", שטעלט זיך קיינער ניט.

און דאס איז:

דער נאמען פון היינטיקע פרשה איז – קרח.

וואס לכאורה: ווי קען מען אנרופן א גאנצע פרשה אין תורה מיט דעם נאמען פון איינעם וואס האט געהאלטן מחלוקת מיט "משה אמת ותורתו אמת"[35] – עס דארף דאך זיין "שם רשעים ירקב"[36] (היפך פון "זכר צדיק לברכה"[37]), ווי די גמרא[38] טייטשט אפ "רקביבות תעלה בשמותן, דלא מסקינן בשמייהו" (און ווי רש"י ברענגט דאס אויך בפירושו עה"פ[39] "ואנשי סדום רעים וחטאים לה'")?!

ובפרט אז ס'איז דא דער לאו פון "ולא יהי' כקרח וכעדתו"[40] וואס אנדערע[41] רעכענען דאס אלס א לאו אין מנין המצוות, אבער אפילו די וואס רעכענען דאס ניט אין מנין המצוות[42] – איז דאס אבער א חיוב ואזהרה.

יב. נאכמער:

אויב דער סדר הרגיל ווי מ'איז קובע דעם נאמען פון א פרשה וואלט געווען אז מ'קלייבט אוים דעם צווייטן ווארט פון התחלת הפרשה (ד.ה. ניט "ויקח" נאר "קרח") – וואלט די קשיא ניט געווען אזוי גרויס פארוואס מ'רופט אן די פרשה בשם "קרח";

דער סדר הרגיל איז דאך אבער אז מ'איז קובע שם הפרשיות על שם דעם ערשטן ווארט פון דער פרשה, ווי "וירא", "ויצא", "וישלח" ועוד –

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: פארוואס אין פרשתנו איז מען משנה און מ'רופט אן די פרשה ניט מיטן נאמען "ויקח", ע"ש דעם ערשטן ווארט אין דער פרשה, נאר מיטן

- נאמען -

---

35) ראה תנחומא קרח יא. וראה גם ב"ב עד, א. 36) משלי י, ז. 37) שם. וראה פרש"י ר"פ נח. ובכ"מ. 38) יומא לח, ב. 39) לך לך יג, יג. 40) פרשתנו יז, ה. סנהדרין קי, א. תנחומא פרשתנו י. במדב"ר פי"ח, כ. 41) ראה שאילתות פ' קרח. 42) סהמ"צ להרמב"ם שרש ח. ובנו"כ שם. מל"ת מה.

נאמען "קרח", על שם דעם צווייטן ווארט אין דער פרשה?!

די קשיא ווערט נאך גרעסער:

פ׳ ויצא רופט מען אן נאר מיטן נאמען "ויצא", און מ׳דערמאנט בכלל ניט דעם ווערט "יעקב" ("ויצא יעקב"), ועד"ז בנוגע צו פ׳ וישלח;

ווען עס קומט אבער צו פ׳ קרח, וואו עס רעדט זיך לכאורה וועגן א רשע וואס האט געהאלטן מחלוקת קעגן "משה אמת ותורתו אמת" - רופט מען אן די פרשה דוקא מיטן נאמען "קרח"!

וואס אפילו לויט ווי דער רמב"ם[43] און דער רס"ג[44] רופן אן די פרשה, "ויקח קרח" - איז דאס כולל אין זיך אויך דעם ווארט "קרח";

ובפרט לויט מנהג ישראל, און ווי ס׳איז געדרוקט אין אלע חומשים, אז דער נאמען פון דער פרשה הייסט נאר מיטן ווארט "קרח".

יג. וע"ד די שאלה וואס מ׳פרעגט בנוגע צו חודש תמוז: ווי קען מען אנרופן א חודש מיטן נאמען "המוז", דאס איז דאך א נאמען פון אן ע"ז, ווי עס שטייט אין נבואת יחזקאל[45]?

וואס לכאורה וואלט מען געקענט ענטפערן, אז אע"פ וואס בכלל איז "שם אלקים אחרים לא תזכירו לא ישמע על פיך"[46] - דא איז אבער מותר צו דערמאנען דעם נאמען "המוז", דערפאר וואס דער נאמען "תמוז" ווערט דערמאנט אין תורה, און "כל עבודה כוכבים הכתובה בתורה מותר להזכיר שבה"[47].

דאס גופא דארף מען דאך אבער פארשטיין[48]: וויבאלד אז יעדער זאך איז בהשגח"פ, איז אויך דאס וואס דער נאמען "המוז", דער נאמען פון אן ע"ז, ווערט דערמאנט אין תורה איז בהשגח"פ - דארף מען פארשטיין פארוואס ווערט טאקע דערמאנט אין תורה א נאמען פון אן ע"ז?

ובפרט אז "שמות החדשים עלו עמהם מבבל"[49], האבן זיי דאך געהאט א ברירה ווי צו אנרופן די שמות החדשים - דארף מען פארשטיין פארוואס האבן זיי אויסגעקליבן דעם נאמען "המוז" דוקא.

- עד"ז -

------------

43) בסדר תפלות שלו קרוב לסופו. 44) בסידורו. 45) ח, יד. וראה בפרש"י שם. ועוד. 46) משפטים כג, יג. וראה מכילתא ופרש"י עה"פ. סנהדרין סג, ב. 47) סנהדרין שם. 48) ראה לקו"ש י"ב-י"ג תמוז הנ"ל ס"ב. 49) ירושלמי ר"ה פ"א ה"ב (בתחלתה). הובא בתוד"ה מדברי - ר"ה ז, א.

עד"ז בנדו"ד:

דער ווארט "קרח" ווערט טאקע דערמאנט אין תורה; אבער אלס א נאמען פון א פרשה ווערט ער ניט דערמאנט ניט אין משנה, ניט אין גמרא, ניט אין ברייתא - נאר ערשט די גאונים (ר' סעדי' גאון), און דערנאך דער רמב"ם, רופן אן די פרשה מיטן נאמען "(ויקח) קרח", ועד"ז איז דער מנהג ישראל, אז די פרשה ווערט אנגערופן מיטן נאמען "קרח" -

דארף מען פארשטיין: פארוואס האט מען אויסגעקליבן דעם נאמען "קרח" דוקא, וואס לכאורה דארף זיין "שם רשעים ירקב - רקביבות תעלה בשמותן, דלא מסקינן בשמייהו", כנ"ל?!

יד. הביאור בזה בדרך אפשר:

עס זיינען דא צוויי ענינים: ס'איז דא דער ענין פון קרח אליין, און ס'איז דא דער ענין פון <u>מחלוקת</u> קרח (כדלקמן),

ע"ד ווי ס'איז דא דער ענין פון די מרגלים אליין, און ס'איז דא דער ענין פון <u>חטא</u> המרגלים.

טו. וואס עפ"ז וועט זיין פארשטאנדיק אן ענין וועלכן מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[50], וואס אין דערויף איז געווען א פליטת הקולמוס, פארבונדן מיט א פליטת הפה - וואס מ'האט פארגליכן די אידן וואס שרייען "שלום עכשיו" צו די מרגלים, און אויך פארגליכן זיי צו ניט-אידן.

ובהקדם:

עס איז א כלל מונח, אז בשעת מ'פארגלייכט א אידן מיט א ניט-אידן, דארף מען זאגן "להבדיל"[51], משא"כ ווען מ'רעדט וועגן אידן, איז וואס פאר א איד דאס זאל נאר זיין, זאגט מען ניט קיין "להבדיל" צווישן אים ביט א צווייטן אידן.

וכידוע דער סיפור מיט כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז אמאל האט ער דערמאנט איינעם אין א בריוו, און ער האט אויף אים ניט געשריבן קיין "להבדיל". האט מען ביי אים געפרעגט: היתכן אז ער דערמאנט יענעם אין בריוו, און ער שרייבט ניט אויף אים קיין "להבדיל"? האט ער געענטפערט אז ח"ו צו זאגן "להבדיל" צווישן איין אידן מיט א צווייטן.

וואס אע"פ אז עס שטייט[52] "<u>ויבדל</u> אהרן להקדישו קודש קדשים", ד.ה. אז מ'איז מבדיל צווישן אהרן מיט אנדערע אידן - איז -

---

50) בה"קטע" דשיחת ש"פ שלח. 51) ראה גם לקו"ש ח"ב ע' 603. 52) דה"א כג, יג.



הנחת הת' בלתי מוגה

איז דאס אבער א פסוק אין תורה, וואס בלשון התורה קען מען דאס זאגן; משא"כ בלשון בני אדם טאר מען ניט זאגן "להבדיל" צווישן איין אידן מיט א צווייטן.

און אע"פ אז די גמרא[53] זאגט אז אלע הבדלות זיינען איין ענין, איז דאך די הבדלה צווישן אהרן מיט די אנדערע אידן ("ויבדל אהרן להקדישו") איין ענין מיט "המבדיל בין ישראל לעמים" –

איז דאס אבער דוקא בשעת מ'איז דורכגענומען מיט אהבת ישראל, אז ס'איז באוואָרענט אז מ'וועט ניט אנרירן א צווייטן אידן דורך זאגן "להבדיל", דעמולט קען מען זאגן "להבדיל" צווישן כהנים לויים און ישראלים.

וואס דערפאר, בשעת מ'פארגלייכט ניט-אידן צו די מרגלים דארף מען זאגן "להבדיל".

טז. אפילו אז מ'פארגליכט אידן ("שלום עכשיו") צו די מרגלים, וואס דעמולט טאר מען ניט זאגן קיין "להבדיל" – איז אבער דער דמיון אויך ניט קיין דמיון – ווארום:

די מרגלים זיינען געווען פון דעם "דור דעה"[54], און צווישן דעם דור דעה גופא – זיינען זיי געווען נשיאי העדה, און אויסגעקליבן פון משה רבינו.

און אפילו דער חטא המרגלים איז אויך ניט געווען סתם א חטא, כמבואר אין לקו"ת[55] אז די מרגלים זיינען געווען פון עולם המחשבה, אדער (עכ"פ) פון עולם הדיבור[56], און זייער חטא איז געווען אז זיי האבן ניט געקענט פארטראגן צו יורד זיין ממדריגתם.

און אפילו דאס וואס די משנה[57] זאגט אז "מרגלים אין להם חלק לעוה"ב" – איז דאך ידוע דער פירוש אין דערויף[58], אז זיי שטייען העכער פאר עוה"ב, און דאס איז ניט ענינם, במילא קען מען זיי ניט געבן שכר פון א נידעריקערע דרגא ווי זיי אליין זיינען.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער עילוי במדריגתם – ווארום ס'איז דאך ידוע די הפלאה פון עוה"ב, ביז די הפלאה אפילו בנוגע צו א "חלק" פון עוה"ב – ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב", און

– מ'פארבינדט –

------------

53) ראה פסחים קד, א. 54) ויק"ר פ"ט, א. במדב"ר פי"ט, ג. לקו"ת שלח לז, ב. 55) שלח שם. שם לח, ב. – מע"ח שער הארת המוחין פ"א. 56) ראה לקו"ת שם לח, סע"ג. 57) סנהדרין קח, א. 58) עש"מ מאמר חקו"ד ח"ב פ"ח.

מ׳פארבינדט עס מיט דעם וואס אידן זיינען "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר" פון דעם אויבערשטן[59] -

און אעפ"כ, בנוגע צו די מרגלים זאגט מען אז (ניט א חלק פון עוה"ב, נאר) גאנץ עוה"ב איז פאר זיי ווייניק, און דערפאר איז "אין להם חלק לעוה"ב"!

אפילו לויט דעם פירוש הפשוט אין "מרגלים אין להם חלק לעוה"ב", וואס אין ענין יוצא מידי פשוטו, א.ז דאס איז פאר זיי געווען אן עונש -

איז אבער לאחרי גמר העונש, איז פארשטאנדיק אז זיי ווערן צוריק נתעלה למדריגתם[60], ווארום אן עונש פון תורת חסד איז ניט לשם עונש, נאר צוליב אראפנעמען די ענינים המסתירים בכדי מ׳זאל קענען באקומען שכר.

נוסף לזה דערציילט די גמרא אין ב"ב[61], אז רבה בר בר חנה האט געזעהן די "מתי מדבר" (וואס דאס איז כולל אויך די מרגלים), און "דמו כמאן דמיבסמי (בפנים צהובות כשתויי יין[62])", וואס דאס באווייזט אז בא זיי איז געווען דער ענין פון "נהנין מזיו השכינה",

ועי"ד ווי "צהבו פניו" פון ר׳ אבהו, דערפון וואס ער האט געפונען א "תוספתא עתיקתא"[63] (אדער "תוספתא חדתא"[64]),

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז זיי האבן א חלק לעולם הבא[65].

ועד"ז איז פארשטאנדיק פון דעם וואס בהמשך לזה וואס די גמרא[66] בדענגט דעת רבי עקיבא אז "דור המדבר אין להם חלק לעוה"ב" (ניט כדעת ר׳ אליעזר אז זיי האבן א חלק לעוה"ב שנאמר[67] "אספו לי חסידי גו׳") - זאגט די גמרא: "שבקי׳ ר"ע לחסידותי׳", ד.ה. אז דא איז אן אויסנאם וואס רבי עקיבא זאגט אז "אין להם חלק לעוה"ב", ווארום דער סדר הרגיל פון ר"ע וואס "כולהו אליבא דר׳ עקיבא"[68], איז געווען "רגיל לזכות את ישראל"[69].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳זאגט אז די

- מרגלים -

------------

59) ישעי׳ ס, כא. סנהדרין שם. 60) ראה "השובות וביאורים" פ"ה ס"א קרוב לסופו ובהע׳ 5 שם. 61) עג, סע"ב ואילך. 62) פרש"י שם. 63) ירושלמי שבת פ"ח ה"א. שקלים פ"ג ה"ב. 65) כ"ה בכ"מ בדא"ח (הו"א ויקהל פה, א. הו"ה ־ך לך פא, ב. המשך הרס"ו ע׳ כח. שם ע׳ רלג. ובכ"מ). 65) ראה הוד"ה ודמו - ב"ב שם. עץ יוסף לע"י שם. ועוד. 66) סנהדרין קי, ב. 67) תהלים נ, ה. סנהדרין שם. 68) סנהדרין פו, א. 69) פרש"י ד"ה שבקי׳ ר"ע - סנהדרין שם (קי, ב).

מרגלים האבן ניט קיין חלק לעוה"ב - דארף מען האבן א באווארעניש אז "שבקי' ר"ע לחסידותי'"[70].

יז. וואס מכל הנ"ל איז מובן דער עילוי גדול פון די מרגלים.

ובמילא איז אויך מובן אז מ'קען ניט פארגלייכן "שלום עכשיו" און די קאמוניסטן און, להבדיל, די אראבער צו די מרגלים מצד עצמם.

און דאס וואס מ'האט זיי יע פארגליכן - איז דאס נאר בנוגע צו <u>חטא</u> המרגלים:

דער חטא פון "שלום עכשיו", דער חטא פון די קאמוניסטן, און דער חטא פון, להבדיל, די אראבער (אין א"י) - איז אזוי ווי דער חטא פון די מרגלים, כמדובר דעמולט בארוכה.

יח. ע"ד ווי עס זיינען דא די צוויי ענינים בא די מרגלים - די מרגלים אליין, ווי זיי זיינען מצד עצמם, און דער <u>חטא</u> המרגלים -

עד"ז זיינען דא די צוויי ענינים בא קרח - קרח אליין, ווי ער איז מצ"ע, און <u>מחלוקת</u> קרח:

קרח מצ"ע, מצד תולדתו, איז געשטאנען אין א דרגא הכי גבוהה: ער איז זיך מתייחס צו יעקב אבינו, ווי עס שטייט אין דברי הימים[71] "קרח בן יצהר בן קהת בן לוי בן ישראל",

און מצד תולדתו איז ביי אים געווען "הבל[72] שאין בו חטא".

אפילו דערנאך ווען ער איז עלטער געווארן, איז ער געווען פון די "טועני הארון"[73].

ערשט מיט צענדליקער יארן שפעטער (לאחרי לידתו), מצד דערויף וואס ער האט זיך געפונען אין עוה"ז הגשמי, וואס דארטן האט מען אפגעגעבן צום מענטשן די בחירה אז עס זאל זיין "ובחרת בחיים"[74] אדער ח"ו פארקערט - האט ער בפועל בוחר געווען צו חוטא זיין, און פירן א מחלוקת קעגן משה רבינו.

דאס איז אבער ניט געווען מציאותו הוא ווי ער איז מצ"ע - ווארום מצ"ע איז ער געווען "בן ישראל", און ביי

- אים -

------------

70) ראה שיחת מוצאי ש"פ הו"ב י"ב תמוז תשל"ט סט"ז ואילך. 71) א' ו, כב-כג. וראה תנחומא פרשתנו ד. במדב"ר פי"ח, ה. פרש"י ריש פרשתנו. תנחומא ויחי י. ב"ר פצ"ח, ה. פרש"י עה"פ ויחי מח, ו. 72) ראה שבת קיט, סע"ב. 73) תנחומא פרשתנו ב. במדב"ר שם, ב. 74) נצבים ל, יט.

אים איז געווען "הבל שאין בו חטא"; ס׳איז מערניס וואס מצד בחירתו, האט ער א סאך שפעטער בחייו, בוחר געווען צו חוטא זיין.

און נאך דערויף וואס ער האט בפועל חוטא געווען - איז געווארן דער ענין פון "ולא יהי׳ כקרח וכעדתו", וואס דאס איז בשעת מ׳רעדט אין עוה"ז, אין עולם הפשט.

יט. דערמיט וועט מען פארשטיין די ערשטע רש"י אין פרשתנו - ע"פ די "ענינים מופלאים" שבו[75], ארער אפשר אויך ע"פ פשש"מ:

רש"י שטעלט זיך אויף די ווערטער "בן יצהר בן קהת בן לוי" און זאגט: "ולא הזכיר בן יעקב, שביקש רחמים על עצמו שלא יזכר שמו על מחלוקתם שנא׳[76] בקהלם אל תחד כבודי",

דערנאך איז רש"י ממשיך: "והיכן נזכר שמו על קרח, בהתיחסם על הדוכן בדברי הימים שנא׳ בן אביאסף בן קרח בן יצהר בן קהת בן לוי בן ישראל".

דארף מען פארשטיין: פארוואס ברענגט רש"י דעם צווייטן האלב פון זיין פירוש, "והיכן נזכר כו׳"?

איז די הסברה בזה:

בשעת מ׳זאגט דעם בן חמש למקרא אז קרח האט געפירט א מחלוקה קעגן משה רבינו, ווי רש"י זאגט גלייך בההתחלת הפרשה אויף "ויקח קרח" - אז "לקח את עצמו לצד אחד להיות נחלק מתוך העדה לעורר על הכהונה, וזהו שתרגם אונקלוס ואתפלג, נחלק משאר העדה להחזיק במחלוקת",

ווערט ביי אים גלייך א קשיא׳ (די קשיא האמורה לעיל): די כותרת פון דער פרשה (אין זיין חומש) איז דער ווארט "קרח", ד.ה. אז קרח איז דער נאמען פון דער גאנצער פרשה - איז אויב קרח איז געווען דער וואס האט געפירט די מחלוקה קעגן משה רבינו, איז ווי קען מען אנרופן א גאנצע פרשה אין תורה על שמו?!

אויף צו פארענטפערן די שאלה ברענגט רש"י דעם צווייטן האלב פון זיין פירוש - "והיכן נזכר שמו על קרח, בהתיחסם על הדוכן בדברי הימים שנא׳ בן אביאסף בן קרח בן יצהר בן קהת בן לוי בן ישראל":

קרח מצ"ע איז זיך מהייחס צו יעקב (ישראל),

נאכמער: אלע קינדער און אייניקלעך וכו׳ פון קרח ביז

- אין -

---

75) של"ה בכס׳ שבועות שלו (קפא, א). 76) ויחי שם.

אין זמן בית ראשון און זמן בית שני זיינען זיך מתייחס "על הדוכן" צו יעקב דוקא דורך קרח.

ביז אז אפילו לע"ל וועלן די לויים וואס קומען ארויס פון קרח זיך מתייחס זיין "על הדוכן" צו יעקב - דוקא דורך דערויף וואס קרח איז באמצע, ד.ה. אז ער איז צווישן זיי מיט יעקב, און אן קרח קענען זיי זיך ניט מתייחס זיין צו יעקב (ישראל), וואָרום דער יחוס בן אחר בן צו יעקב איז - "בן קרח בן יצהר בן קהת בן לוי בן ישראל",

און אויב קרח וואלט געווען פון א צווייטן סוג ווי "ישראל" וכו׳ - וואלט ער ניט געקענט פארבינדן די אלע לויים, ביז אויך לע"ל מיט יעקב (ישראל).

וואס דערפאר מוז מען זאגן אז דער עצם און דער מהות און די מציאות פון קרח איז - טוב, און דאס וואס ער האט חוטא געווען און געפירט א מחלוקת קעגן משה רבינו - איז געווען נאר א דבר חיצוני, וואס "אע"פ שחטא ישראל הוא"[77], ד.ה. אז דער "חטא" איז ניט בשוה מיט "ישראל", דער חטא איז נאר א דבר חיצוני פון "ישראל",

ווי דער רמב"ם[78] פסק׳נט אז ווען א איד איז עובר אויף א חטא - איז דאס ניט ער וואס האט חוטא געווען, נאר "יצרו הוא שהקפו", וואָרום א איד איז בעצם טוב און וויל בעצם טאן נאר וואס דער אויבערשטער וויל, וואס דערפאר דארף מען אים כופה זיין בדברים, ביז כפי׳ בשוטים, אויב ער וויל ניט טאן רצונו של הקב"ה.

און דערפאר, איז אפילו אויב א איד איז עובר אויף א חטא - איז ניטא קיין פארפאלן, וואָרום "לא ידח ממנו נדח"[79].

כ. א דוגמא צו איינעם ווי קרח, אז אע"פ וואס ער האט חוטא געווען אין א הארבן אופן, איז ער אבער בעצם ובפנימיות געווען אין א דרגא נעלית ביותר - געפינט מען בא ירבעם בן נבט:

ירבעם בן נבט איז געווען היפך פון "זכה וזיכה את הרבים"[80], תכלית השפלות,

אעפ"כ דערציילט די גמרא[81] אן עניין נפלא בנוגע צו ירבעם וואס מ׳געפינט ניט בא קיין אנדער מענטש:

דער אויבערשטער האט געזאגט צו ירבעם: "הזור בך ואני - ואתה -

---

77) סנהדרין מד, רע"א. 78) הל׳ גירושין ספ"ב.
79) ע"פ ש"ב יד, יד. וראה הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ב סוס"ג. תניא ספל"ט. 80) אבות פ"ה מי"ח. 81) סנהדרין קב, סע"א.

ואתה ובן ישי נטייל בגן עדן".

וואס דאס איז דאך א דבר פלא:

עס שטייט אין מדרש[82] אז "אין הקב"ה מייחד שמו על הצדיקים בחייהן אלא לאחר מיתתן", ווארום זייענדיק א נשמה בגוף איז דער אויבערשטער אויך בא זיי ניט זיכער וואס וועט זיין מארגן, עס קען זיין אז "יטעה אותן היצר הרע".

וואס דערפאר האט יעקב געזאגט "(אלקי אבי אלקי אברהם) ופחד יצחק" און ניט "אלקי יצחק" - וויבאלד אז "אין הקב"ה מייחד שמו על הצדיקים בחייהן"[83].

און אע"פ אז בנוגע צו יצחק געפינט מען אז דער-אויבערשטער האט מייחד געווען שמו עליו בחייו, ווי דער אויבערשטער האט געזאגט צו יעקב[84] "אלקי אברהם אביך ואלקי יצחק" - איז דאס דערפאר וואס "הואיל ונתייסם בעיניו כאילו הוא מת, לפי שהי' גנוז לתוך הבית ויצה"ר פסק הימנו".

ועד"ז איז דער אויבערשטער אויך מייחד שמו עליו בחייו אויף איינעם וואס איז שוין לאחרי מאה שנה - ווארום "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם"[85], כמדובר אמאל דעם דיוק בזה, אז דעמולט איז ער העכער פאר דעם עניין פון דעם יצה"ר וכו'[86] -

אבער אין אלע אנדערע פאלן איז "אין הקב"ה מייחד שמו על הצדיקים בחייהן".

דער איינציקער בא וועמען מ'געפינט אז דער אויבערשטער זאל (אים צוזאגן אז ער וועט) מייחד זיין שמו עליו בחייו, איז - ירבעם בן נבט: "חזור בך ואני ואתה ובן ישי נטייל בגן עדן"!

וואס דורך דערויף וואס דער אויבערשטער וואלט מייחד געווען שמו אויף אים בחייו, וואלט ער ביי אים צוגענומען די בחירה[87] - קומט דאך אויס אז ירבעם איז דער איינציקער מענטש וואס מ'געפינט אז דער אויבערשטער האט געוואלט ביי אים צונעמען די בחירה!

כא. עד"ז געפינט מען אויך בנוגע צו מנשה המלך, וואס ער האט עובר געווען אויף עבירות חמורות ביותר, ער האט געדינט

- ע"ז -

---

82) תנחומא תולדות ז. הובא בפרש"י עה"פ ויצא כח, יג.
83) ויצא לא, מב. ובפרש"י. 84) ויצא כח, יג. 85) אבות ספ"ה. 86) ראה אוה"ת בראשית קי, ב. לקו"ש ח"א ע' 20.
87) ראה גם לקו"ש ח"ה ע' 132 ובהע' 3 שם.

ע"ז און "העמיד צלם בהיכל" וכו׳[88],

אעפ"כ דערציילט די גמרא[89] אז איינער פון די גרעסטע אמוראים, ר׳ אשי [וואס ער האט מסדר געווען גאנץ הושבע"פ[90]], האט זיך אמאל פארטשעפעט מיט מנשה און געזאגט אויף אים א זאך שלא כדבעי[91],

איז "אתא מנשה אתחזי לי׳ בחלמי׳", און האט אים געזאגט אז ער וועט אים (ר׳ אשי) פארהערן אין לערנען,

און ניט אין א דין אין יורה דעה, אדער אין אבן העזר, אדער אין חושן משפט [וואס "הרוצה שיחכים יעסוק בדיני ממונות"[92]] - נאר אין א דין אין אורח חיים - וואס וואו איז געהערט געווארן אז א למדן זאל זיך קאכן אין אורח חיים -

און ניט אין א דין אין או"ח וועגן כשרות האכילה - נאר א דין אז ווען מ׳זעצט זיך אוועק עסן - איז "מהיכא בעית למישרא המוציא (מאיזה מקום בפת אתה צריך לבצוע המוציא[93])" - פון וועלכן זייט ברויט דארף מען נעמען דעם ערשטן שטיקל ברויט וואס מ׳עסט?

האט אים ר׳ אשי גענטפערט "לא ידענא". האט אים מנשה צוריק געזאגט: "מהיכא דבעית למישרא המוציא לא גמירת", און דו האסט א רעכט צו זאגן וואס דו האסט געזאגט אויף מיר?!

וואס כאמור, דאס רעדט זיך וועגן מנשה וואס ער האט עובר געווען אויף די עבירה הכי המורות בתורה; וויבאלד אבער אז ער האט תשובה געטאן, און ווי די גמרא[94] דערציילט אז "חתר לי (הקב"ה) חתירה מתחת כסא הכבוד", "כדי לקבלו בתשובה" - טאר מען ניט קומען זאגן עפעס קעגן אים, ווארום מי יודע מעלתו.

וואס דערפון האט מען א לימוד בנוגע צו אלע פאלן בדומה לזה, דלכאורה: פארוואס דערציילט די גמרא דעם סיפור מיט ר׳ אשי - די תורה היט זיך דאך ניט צו ארויסזאגן א שלעכטן ווארט אפילו "בגנות בהמה טמאה"[95]?!

נאר די גמרא דערציילט דאס בכדי אז א איד זאל זיך

- דערפון -

------------

88) סנהדרין קג, ב. ירושלמי סנהדרין פ"י ה"ב (לז, ב). ועוד. 89) סנהדרין קב, ריש ע"ב. 90) ראה סדה"ד ותולדות תו"א בערכו. וש"נ. 91) ראה גם הדא"ג מהרש"א לסנהדרין שם. 92) ב"ב קעה, ב. וראה גם ברכות סג, ב. 93) פרש"י ד"ה מהיכא - סנהדרין שם. 94) ירושלמי שם. וראה גם סנהדרין קג, א. רות רבה עה"פ רות ב, יד (פ"ה, ו). ועוד. 95) ב"ב קכג, א. וראה פסחים ג, א.

דערפון אפלערנען אז ער זאל זיך ניט פירן אין אן אופן ווי ר' אשי האט זיך געפירט.

כב. ועד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע לעניננו - בנוגע צו קרח:

אע"פ וואס קרח האט עובר געווען אויף א גרויסן חטא, די מחלוקת זיינע קעגן "משה אמת ותורתו אמת" - איז דאס אבער ניט שולל די דרגא הכי נעלית זיינע מצד עצמו,

ואדרבה - דאס וואס ער האט חוטא געווען איז ניט זיין אמת'ע מציאות, דאס איז מצד דערויף וואס "יצרו הוא שתקפו"; אבער זיין עצם און זיין אמת'ע מציאות, איז געווען בדרגא הכי נעלית.

ועאכו"כ לויט דעם ביאור ע"פ חסידות אין טענת קרח[96]:

קרח האט געוואלט אז אויך בזמן הזה (אין דעם משכן אין מדבר) זאל זיין די הנהגה ווי עס וועט זיין לע"ל - אז גבורות זאלן זיין קודמים, מצד דעם וואס זיי זאלן אומבייטן-חסדים, אדער אז זיי וועלן שטיין אלס א מציאות בפ"ע[97].

זיין טעות (און זיין חטא) איז געווען - אז בכדי צוצוקומען צו דער הנהגה פון לע"ל, אז גבורות קודמים - מוז פריער זיין די הכנה פון דער עבודה בינתיים, און די הקדמת הביטול פון גבורה לחסד[98].

כג. וואס איז די נפק"מ בנוגע לפועל מכל המדובר לעיל?

איז ערשטנ'ס - האט מען א ביאור ווי מ'קען אנרופן פרשתנו בשם "קרח".

ועוד והוא העיקר - האט מען דערפון א הוראה בפועל לכאו"א (ובפרט אז מ'פארבינדט דאס מיט י"ב-י"ג תמוז):

בשעת מ'טרעפט א איד, דארף מען אויף אים גלייך זעהן אז ער איז א "חלק אלוקה ממעל ממש"[99] (ווי דער פס"ד הרמב"ם).

ווי קומט מען אבער צו צו דעם "חלק אלוקה ממעל ממש" פון דעם אידן - איז דאס דורך דערויף וואס די נשמה טוט זיך אן אין א גוף, וואס דער גוף איז "נדמה בחומריותו לגופו אומות העולם"[100], מיט די אלע פרטים פארבונדן דערמיט, און "הרוצה לטעות יטעה"[101], בכדי עס זאל קענען זיין דער ענין פון "ובחרת בחיים".

- וואס -

---

96) לקו"ה פרשתנו נד, סע"ב ואילך. 97) אוה"ת פרשתנו ס"ע תרצא ואילך. 98) אוה"ת שם ע' הרצב. 99) תניא רפ"ב. 100) תניא פמ"ט (ע, רע"א). 101) ראה ב"ר פ"ח, ח.

וואס דערפאר איז דער אופן ווי מ'נעמט דעם אידן וואס נשמתו איז אנגעטאן אין א גוף, איז - דורך דערויף וואס מ'רעדט מיט אים בלשונו, און בלשונו וואס ער רעדט היינט, ניט וואס ער וועט רעדן מארגן און איבערמארגן - "חנוך לנער ע"פ דרכו"[102], וואס דוקא דעמולט איז "גם כי יזקין לא יסור ממנה", מיט די אלע ביאורים בזה.

כד. טענה'ט ער, אז מצד דעם גוף פון דעם אידן, וואס "נדמה בחומריותו לגופו אומות העולם", זעט ער ביי אים "מעשה קרח", און ער האט דעם ציווי פון "ולא יהי' כקרח וכעדתו" - במילא זאגט אים דער רב אז ער דארף זיך היטן פון דעם אידן אז ער זאל ניט משפיע זיין אויף אים, "אוי לרשע אוי לשכנו"[103]!

זאגט מען אים אז באמת איז דער איד טוב, און דאס וואס ביי אים איז דא בחיצוניות דער ענין פון "קרח" - איז דאס ע"ד ווי די גמרא[104] זאגט בנוגע צו דוד המלך, אז "לא דוד ראוי לאותו מעשה", דאס איז נאר געווען בכדי אז דוד זאל מקים זיין "עולה של תשובה" -

עד"ז איז דער איד וואס במעשיו זעט ער אויס ווי קרח, איז דאס נאר בכדי צו באווארענען אז א צווייטער איד זאל ניט זיין "כקרח וכעדתו".

וואס דערפאר דארף ער זיך טאקע היטן אז יענער זאל ניט משפיע זיין אויף אים, ביחד עם זה אבער, זאגט אים דער בעל המאסר והגאולה פון י"ב-י"ג תמוז, אז דיין שליחות איז - גיין איבערמאכן יענעם אידן, און פועל'ן אז עס זאל זיין "עשרה שיושבים ועוסקים בתורה" - אז אויך א איד וואס איז פון "חוטב עציך" און "שואב מימיך" זאל בא דיר זיין "ומקרבן להורה"[105] - אויפהויבן אים צו תורה[106].

און ווי מ'לערנט דאס אויך אפ פון משה רבינו, ווי די גמרא זאגט אין עירובין[107] אז דער אופן ווי משה האט געלערנט הורה מיט אידן, "סדר משנה", איז געווען - אז "משה למד מפי הגבורה, נכנס אהרן ושנה לו משה פרקו", און דערנאך האט משה געלערנט א צווייטן מאל מיט בניו, און דערנאך א דריטן מאל מיט די זקנים, ביז אז ער האט געלערנט א פערטן מאל מיט "כל העם",

וואס דאס'מיינט יעדער איד כולל אויך א איד וואס

- טראגט -

------------

102) משלי כב, ו. 103) הנהוכא פרשהנו ד. במדב"ר שם, ה. פרש"י ריש פרשתנו. 104) ע"ז ד, סע"ב ואילך. 105) אבות פ"א מי"ב. וראה הניא פל"ב. 106) ראה לקו"ש ח"ב ע' 316. ועוד. 107) נד, ב. הובא בפרש"י עה"פ תשא לד, לב.



הנחת התו' בלתי מוגה

טראגט דעם "פסל מיכה"[108], ווי עס שטייט אין מדרש[109], אז אויב איין איד וואלט געפעלט בא מ"ת (וואס דאס איז כולל אפילו א איד וואס טראגט דעם "פסל מיכה") - וואלט די תורה ניט געגעבן געווארן ח"ו, צו אלע אידן.

כה. און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'האט הצלחה אין דעם - ווארום "לא ידח ממנו נדח",

ובפרט איצטער וואס ס'איז ניטא קיין צ"לט צוווארטן, ווארום אט אט קומט משיח,

במילא קען מען אויך ניט ווארטן אויף "בגלגול אחר"[110], ווארום עס זיינען געבליבן נאך עטליכע טעג ביז ביאת משיח צדקנו.

און די עבודה הנ"ל היילט אויך צו אז עס זאל זיין "אחישנה" אין דעם "אחישנה" גופא[111] -

ביאת משיח צדקנו, וואס "יבנה ביהמ"ק במקומו"[112],

און "משה ואהרן" מיט דעם בעל הגאולה "עמהם"[113],

במהרה בימינו ממש.

[ההחילו לנגן "וכל קרני רשעים אגדע גו'" - ואמר כ"ק אדמו"ר שליט"א:

מ'האט דאך ערשט גערעדט אז קרח איז געווען א צדיק גמור, איז ווי אויף-צו-להכעיס האט מען אנגעהויבן דעם ניגון; זאל מען זינגען "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד".]

*             *             *

כו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה השמים כסאי גו'.

*             *             *

כז. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו, און אויך א משנה פון דעם פרק וואס מ'לערנט דעם

- שבת -

------------

108) ראה סנהדרין קג, סע"ב ובפרש"י שם ד"ה זה פסלו של מיכה. תנהומא תשא יד. 109) מכילתא עה"פ יתרו יט, יא. יל"ש עה"פ (רמז רפ). דב"ר פ"ז, ח. 110) הל' ת"ה ותניא שבהע' 79. 111) ישעי' ס, כב. סנהדרין צח, א. 112) ראה רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 113) ראה יומא ה, ב. תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

שבת, לויט די "יש נוהגין" צו לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ"[114].

אין קאפיטל טז פסוק כה שטייט "ויקם משה וילך אל דתן ואבירם גו'", שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "ויקם משה" און זאגט: "כסבור שישאו לו פנים (אז זיי וועלן אים אפגעבן כבוד) ולא עשו".

דארף מען פארשטיין (וכמדובר כמ"פ אז מפרשים שטעלן זיך בכלל ניט אויף די שאלות):

א) עטליכע פסוקים לפנ"ז[115] שטייט אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט משה ואהרן "הבדלו מתוך העדה הזאת גו'", און דערנאך[116] האט אים דער אויבערשטער געזאגט: "דבר אל העדה לאמר העלו מסביב למשכן קרח דתן ואבירם" -

איז דאך פארשטאנדיק בפשטות, אז דאס וואס שטייט גלייך נאך דעם "ויקם משה גו'", קומט בהמשך צו ציווי הקב"ה למשה, ד.ה. "ויקם משה גו'" מיינט, אז משה איז געגאנגען מקיים זיין דעם ציווי פון דעם אויבערשטן "דבר אל העדה לאמר העלו מסביב למשכן קרח דתן ואבירם",

איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דא רש"י'ן שווער אז ער דארף בכלל מפרש זיין א פירוש אויף "ויקם משה" - ע"פ המשך הכתובים איז דא לכאורה אלץ פארשטאנדיק?

ב) נאכמער:

ניט נאר וואס דער פרש"י דא איז לכאורה איבעריק, נאר דאס איז לכאורה היפך פשש"מ:

"ויקם משה" מיינט בפשטות אז משה איז געגאנגען מקיים זיין דעם ציווי פון דעם אויבערשטן ("דבר אל העדה גו'"), און רש"י איז מפרש אז "ויקם משה" מיינט אז משה איז ניט גלייך געגאנגען מקיים זיין דעם ציווי פון דעם אויבערשטן, נאר ער איז פריער געגאנגען צו דתן ואבירם - "כסבור שישאו לו פנים",

[און רש"י דארף ניט מפרש זיין פארוואס משה האט געוואלט, "שישאו לו פנים", אז זיי זאלן אים אפגעבן כבוד - ווארום ס'איז מובן בפשטות: דורך דערויף וואס זיי וועלן אים אפגעבן כבוד וועט דאס זיי ברענגען צו תשובה טאן],

און ערשט דערנאך ווען משה האט געזעהן אז "ולא עשו", נאר "יצאו נצבים", ווי עס שטייט אין המשך הכתובים[117] - האט

- ער -

---

114) אדה"ז בסידורו לפני פרקי אבות. 115) טז, כא.
116) שם, כד. 117) שם, כז.



הנחה הת' בלתי מוגה

ער איבערגעגעבן ציווי הקב"ה - "וידבר אל העדה לאמר סורו נא גו׳"[118].

[דרך אגב: מ׳קען דא זאגן אז דער "בחור הזעצער" האט געמאכט א טעות און אריינגעשטעלט דעם מספר הכתוב (כז) צווישן "ולא עשו" און "יצאו נצבים", און באמת דארף זיך דאס ליינען בהמשך אחד: "ולא עשו (נאר) "יצאו נצבים", כדרך פון רש"י בכ"מ, כמדובר כמה פעמים].

ובפרט אז דער בן חמש למקרא האט געלערנט אז משה רבינו איז געווען א זריז[119] - איז ווי קומט עס (לויט פרש"י על הכתוב) אז משה זאל ניט גיין גלייך מקיים זיין ציווי הקב"ה, און פריער טאן א זאך על דעת עצמו, "כסבור שישאו לו פנים"?

אמת טאקע אז רש"י נעמט זיין פירוש פון במדבר רבה[120] - אבער ענינו פון פרש"י איז פשש"מ, און דער פירוש איז היפך פשטות הכתובים.

ג) פארוואס איז רש"י מעתיק פון פסוק (נאר) די ווערטער "ויקם משה" - לכאורה איז דער עיקר דא נוגע "וילך אל דתן ואבירם", וואדום ער האט געוואלט אז זיי זאלן אים נושא פנים זיין, און בפועל "לא עשו"?

ד) רש"י נעמט זיין פירוש פון במדבר רבה (כנ"ל) - אבער דארטן שטייט דער פירוש בלשון אחר: "אמר משה הואיל ולא רצו לילך אצלי אני אבא אצלם אולי יתביישו ויהזדו בהם, שנא׳ ויקם משה וילך אל דתן ואבירם".

דערפון וואס רש"י שרייבט ניט אין זיין פירוש "רבותינו דרשו" וכיו"ב, איז פארשטאנדיק אז אין פשש"מ איז דער פירוש ניט ווי עס שטייט אין מדרש "אולי יתביישו ויהזדו בם", נאר "כסבור שישאו לו פנים".

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

כח. אין די הערות אויפן זהר בפרשתנו, שטעלט ער זיך[121] אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר בריש פרשתנו[122] "ויקח קרח וגו׳, ר׳ אבא פתח הנחמדים[123] מזהב ומפז רב וגו׳".

און ער איז מבאר אין די הערה[124] די שייכות פון "הנחמדים מזהב ומפז רב" צו "ויקח קרח" - אז "קרח הי׳ עשיר גדול שהי׳ לו זהב ופז רב",

- ווי -

------------

118) שם, כו. 119) ראה פרש"י עה"פ יתרו יט, יד. ולהעיר גם מפרש"י עה"פ שמות ד, כד. בשלח טז, כב. 120) שם, ד. 121) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע׳ שעח ואילך. 122) זח"ג קעו, א. 123) תהלים יט, יא. 124) שם ע׳ שפא.

ווי די גמרא[125] זאגט אז "עושר שמור לבעליו לרעתו[126] . . זה עשרו של קרח", וואס "משוי ג׳ מאות פרדות לבנות היו מפתחות של בית גנזיו של קרח", וואס דערפון איז פארשטאנדיק ווי גרויס זיינע אוצרות אליין זיינען געווען,

און מצד דעם וואס "קרח בטח ברוב עשרו" איז "כפר בתורת משה רבינו".

וואס דאס איז נאכמער פארשטאנדיק ע"פ ווי ער איז דאס אויך מבאר אין אותיות פון קבלה - אז "זהב ופז רב הם בחי׳ גבורות . . וכל כחו של קרח הוא בחי׳ גבורות, והוא מה שקרח הי׳ עשיר גדול שהי׳ לו זהב ופז רב", וואס דער ענין העשירות ווערט נשתלשל פון גבורות,

און "קרח בטח ברוב עשרו על בחי׳ הגבורות שבו, שהי׳ סבר שהגבורות הם העיקר [וכידוע די דעות בזה אין זהר[127]: צי קרח האט געוואלט "לבעבד חלופא דימינא לשמאלא", אדער אז "שמאלא אתכליל תדיר בימינא", און "קרח בעא לאחלפא תיקונא דלעילא ותתא"[128]], ומצד זה כפר בתורת משה רבינו".

כט. ער איז אבער ניט מבאר אין דער הערה אן ענין פשוט וואס איז ניט פארשטאנדיק:

צוליב וואס האט קרח געדארפט האבן אן עשירות גדולה אין מדבר, ובפרט אז קרח "פקח הי׳"[129].

מילא אין ניו-יארק איז פארשטאנדיק די הועלה פון עשירות, ווארום דערמיט קען מען איינקויפן זאכן - רהיטים, "וואל-טו-וואל קארפעטינג", "האליוואוד-קיטשענ׳ס", וכיו"ב,

ביז עד כדי כך - אז מ׳קען קויפן א שאפע אדער א ביינקל פון א מדינה רחוקה מעבר לים, פון "האנג-קאנג"!

און אפילו נאך דעם וואס דאס ליגט ביי אים אין שטוב - מאכט ער זיכער ניט צו אראפדרייסן דעם צעטל פון דער שאפע, אדער ביינקל אדער טעלער, אז דאס איז געמאכט געווארן אין "האנג-קאנג", בכדי אז מענטשן וואס קומען ביי אים אין שטוב זאלן זעהן אז ער איז אזא וואס קויפט זיינע שאפעס אין "האנג-קאנג"!

איי מ׳קען דאך קויפן א שאפע אין מאנהאטען - איז דאס

- קען -

------------

125) סנהדרין קי, א. פסחים קיט, א (הובא בלקוטי לוי"צ שם). 126) קהלה ה, יב. 127) הובא בלקוטי לוי"צ שם. 128) ראה גם אור החכמה לזח"ג שם. שיחת מוצאי ש"פ קרח תשל"ה ס"ל ואילך. 129) תנחומא פרשתנו ה. פרש"י עה"פ פרשתנו שם ז.

קען אויך א שוסטער מאן; ער אבער איז אזא וואס מוז האבן דוקא א שאפע וואס א יאפאנעזער אדער א קוטייאיץ האט געמאכט!

און ער דארף האבן א שיינע שאפע און א טייערע שאפע וואס קומט דוקא מעבר ליס, פון "האנג-קאנג", בכדי צו ארייגלייגן דארטן זיין תניא, סידור און לקו"ת.

וואס די כוונה אין דעם וואס יענער יאפאנעזער האט געמאכט די שאפע - איז טאקע "בראשית בשביל ישראל"[130] - בכדי אז א איד זאל קענען זיצן און לערנען במנוחה; דער איד דארף אבער ניט ליגן אין דעם.

וכידוע דער סיפור מיט כ"ק אדמו"ר נ"ע: רעדנדיק אמאל וועגן א רב וואס איז געווען א חסיד׳ישער רב, און א בעל עבודה, און א חכם - האט דער רבי נ"ע געזאגט אז ער האט געזעהן פיס אין קאלאשן - און איצטער זעט ער א קאפ אין קאלאשן!

די קאפ פון א איד דארף ניט ליגן אין "קאלאשן" - אין די האלץ פון וועלכע ס׳איז געמאכט געווארן די שאפע אין וועלכע עס ליגט דער תניא וואס ער לערנט אין אים; זיין קאפ דארף ליגן אין העכערע זאכן - אין לערנען תורה וכו׳.

מען איז ניט שולל דעם עניין פון עשירות - א איד דארף זיין אן עשיר; מ׳זאגט נאר אז ער דארף ניט ליגן מיט זיין קאפ אין די האלץ פון דער שאפע, נאר אין לערנען תורה.

וואס בשעה די קאפ ליגט אין דער שאפע פון "האנג-קאנג", איז דאס מבלבל צו קענען לערנען תניא און מדייק זיין אין דעם וואס דער אלטער רבי האט געשריבן "תניא בספ"ג דנדה משביעים אותו תהי צדיק" - אז דאס מיינט מען אים אליין, און דערנאך דארף אויך זיין די שלילה - "ואל תהי כו׳".

ל. וואס כל זה רעדט זיך אין אן ארט ווי ניו-יארק, וואס דארטן קען מען קויפן מיט וואס מער געלט - וואס מער ענינים;

בשעת מ׳געפינט זיך אבער אין א מדבר, ובפרט אז דער דור המדבר איז געווען א "דור דעה", ובפרט אז קרח "פקח הי׳" - איז צוליב וואס דארף מען האבן א סאך געלט וכו׳?

וואס דאס האט ער ניט מבאר געווען אין די הערות - מפני קוצר הנייר וקוצר הדיו וקוצר הזמן, במילא האט ער זיך פארלאזן אז מ׳וועט זיך אליין כאפן אויף דעם, כמדובר כמ"פ, וכפי שיתבאר לקמן.

- לא. -

------------

130) פרש"י ר"פ בראשיה.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

לא. דער פרק פון היינטיקן שבת איז - פרק ד׳.

וואס איך די אלע מפהחות איז ניט אנגעצייכנט אז כ׳האט אמאל גערעדט אויף דער ערשטער משנה פון דעם פרק - וועט מען איצטער מבאר זיין די ערשטע משנה:

"בן זומא אומר: איזהו חכם הלומד מכל אדם שנאמר [131] מכל מלמדי השכלתי כי עדותיך שיחה לי, איזהו גבור הכובש את יצרו שנאמר [132] טוב ארך אפים מגבור ומושל ברוחו מלוכד עיר, איזהו עשיר השמח בחלקו שנאמר [133] יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך, אשריך בעולם הזה וטוב לך לעולם הבא, איזהו מכובד המכבד את הבריות שנאמר [134] כי מכבדי אכבד ובוזי יקלו".

א מהתיל איך "אל"ף-בית" פון חסידות וועט זיך גלייך כאפן אז די פיר ענינים וואס בן זומא רעכנט אויס, "חכם", "גבור", "עשיר" און "מכובד", זיינען כנגד די פיר ספירות וואס זיינען כולל איך זיך כל סדר ההשתלשלות:

"חכם" איז ספירת החכמה, אדער ספירת (מדת) החסד, "גבור" איז ספירת הבינה, אדער ספירת (מדת) הגבורה, "עשיר" איז ספירת הדעת, אדער ספירת (מדת) התפארת, און "מכובד" איז ספירת המלכות.

און די פיר ספירות (ענינים) זיינען כולל אין זיך גאנץ סדר ההשתלשלות און אלע ענינים.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס דא רעכנט מען אויס נאר די פיר ענינים, כאטש אז אין אבות דרבי נתן [135] רעכנט ער נאך אן עניך - ווארום די פיר ענינים זיינען כולל אין זיך גאנץ סדר ההשתלשלות און אלע ענינים.

לב. אין דער משנה איז צריך ביאור:

פארוואס שטייט דער נאמען פון דעם וואס האט געזאגט די משנה - "בן זומא" - די גאנצע משנה האט דאך געקענט שטיין אן דער הקדמה פון "בן זומא אומר"?

דערפון וואס עס שטייט יע דער נאמען פון בן זומא - איז פארשטאנדיק אז ער האט א שייכות מיוחדת מיט דער משנה וואס ער האט געזאגט,

ובפרט אז דא שטייט ניט "אמר בן זומא", וואס דאס וואלט געמיינט אז ער האט עס געזאגט נאר איין מאל - נאר "בן זומא אומר", וואס דאס מיינט אז בן זומא פלעגט דאס

- שטענדיק -

------------

131) תהלים קיט, צט. 132) משלי טז, לב. 133) תהלים קכח, ב. 134) ש"א ב, ל. 135) רפכ"ג.

שטענדיק זאגן[136], וואס דערפון איז נאכמער פארשטאנדיק אז דאס האט א שייכות מיוחדת מיט אים.

אויך דארף מען פארשטיין:

די ראי' אז "איזהו חכם הלומד מכל אדם" איז נאר פון התחלת הכתוב, "מכל מלמדי השכלתי" - פארוואס ברענגט בן זומא אויך דעם סיום הכתוב, "כי עדותיך שיחה לי"?

בנוגע צו די אנדערע דריי ענינים, איז פארשטאנדיק פארוואס ער ברענגט די ראי' אויך פון סיום הכתוב - ווארום דארטן איז דאס נוגע:

בנוגע צו "איזהו גבור הכובש את יצרו" איז נוגע דער גאנצער פסוק "טוב ארך אפים מגבור ומושל ברוחו מלוכד עיר", ווארום דער גאנצער פסוק רעדט זיך וועגן א גבור.

עד"ז בנוגע צו "איזהו עשיר השמח בחלקו" איז נוגע דער גאנצער פסוק פון "יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך" - אלס ראי' אז ער איז אן עשיר סיי אין עוה"ז און סיי אין עוה"ב, "אשריך בעולם הזה וטוב לך לעולם הבא".

עד"ז בנוגע צו "איזהו מכובד המכבד את הבריות", איז אע"פ וואס די ראי' איז נאר פון התחלת הכתוב, "כי מכבדי אכבד", און דער סיום הכתוב "ובוזי יקלו" איז דער צד השלילה, איז דאך לכאורה "מכלל הן אתה שומע לאו"[137] - קען מען אבער זאגן אז ער טייטשט אויס אויך דעם צד השלילה בפירוש.

בנוגע אבער צו "איזהו חכם הלומד מכל אדם" איז לכאורה נוגע נאר התחלת הכתוב, "מכל מלמדי השכלתי", משא"כ סיום הכתוב, "כי עדותיך שיחה לי" האט קיין שייכות ניט דערצו - איז פארוואס ברענגט ער אויך דעם סיום הכתוב?

לג. עס זיינען דא מפרשים[138] וואס זאגן אז דער טעם פארוואס בן זומא ברענגט אויך דעם סיום הכתוב, "כי עדותיך שיחה לי" - איז:

בכדי אז איינעם זאל אנשטיין צו זיין א "לומד מכל אדם", דארף ער אוועקלייגן זיין אייגענע מציאות און ישות,

וואס דאס קען מען טאן דורך דערויף וואס מ'לערנט לשם שמים - "כי עדותיך שיחה לי".

- דער -

------------

136) ראה רע"ב לאבות פ"א מ"ב. 137) במדב"ר פ"ט, לז. וראה גם ספרי עה"פ עקב יא, כא. פרש"י עה"פ שם, יט.
138) ראה רע"ב ותויו"ט לאבות כאן.

דער פירוש איז אבער היפך פון פשטות הענינים אין דער משנה:

די משנה רעדט זיך ניט דוקא וועגן איינעם וואס לערנט תורה, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון די אנדערע דריי ענינים, "איזהו גבור", "איזהו עשיר" און "איזהו מכובד":

"איזהו גבור" רעדט זיך וועגן א גבור כפשוטו, און אפילו ווען מ'רעדט צו א גוי קען מען אים אויך זאגן "איזהו גבור הכובש את יצרו" - וואס איז די ראי' אז ער איז טאקע א גבור, בשעת מ'זעט אז ער איז "כובש את יצרו",

ועד"ז בנוגע צו די שאר הענינים.

ועד"ז איז בפשטות אויך בנוגע צו "איזהו חכם הלומד מכל אדם" - אז דאס מיינט מען א חכם כפשוטו, לאו דוקא א חכם אין תורה,

און אפילו ווען מ'רעדט מיט א גוי קען מען אים אויך זאגן אז "איזהו חכם הלומד מכל אדם".

משא"כ לויט דעם פירוש הנ"ל פון מפרשים - קומט אויס אז "איזהו חכם הלומד מכל אדם" רעדט זיך נאר וועגן לימוד התורה, וואס כאמור - דאס איז היפך פשטות הענינים פון דער משנה.

לד. ע"פ הנ"ל (אז די משנה רעדט זיך ניט דוקא וועגן איינעם וואס לערנט תורה כפירוש המפרשים) ווערט פארענטפערט וואס איז דא דער ענין פון "מילי דחסידותא"[139] אין "איזהו חכם הלומד מכל אדם" -

דלכאורה: אויב "איזהו חכם הלומד מכל אדם" רעדט זיך נאר וועגן איינעם וואס לערנט תורה, איז דאך דאס ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא" בשעת ער איז דאס מקיים; דאס איז א חלק פון דעם חיוב אויף לימוד התורה - ווארום:

ע"ד ווי דאס איז אין כמות פון לימוד התורה, אז אויב איינער לערנט ניט תורה וויפל זמן ער האט געקענט לערנען - פעלט אים אין דער עצם מצוה פון לימוד התורה, "והגית בו יומם ולילה"[140] און "ודברת בם"[141], ווי די גמרא איז מאריך בזה אין סנהדרין[142] -

- עד"ז -

------------

139) ראה ב"ק ל, א. 140) יהושע א, ח. מנחות צט, ב. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ח. הל' ה"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד.
141) ואתחנן ו, ז. ספרי ופרש"י עה"פ. יומא יט, ב. הל' ת"ת לאדה"ז שם ס"ה. 142) צט, א. הובא בתניא פ"א.



הנחת הת' בלתי מוגה

עד"ז איז אין איכות פון ליכוד ההורה, אז אויב איינער לערנט ניט באיכות וויפל ער האט געקענט לערנען - פעלט אים אין דעם עצם חיוב פון לימוד התורה.

קומט דאך אויס לפ"ז אז אין לימוד התורה איז דער עניין פון "איזהו חכם הלומד מכל אדם" א חלק פון חיוב לימוד התורה, און ניט קיין עניין פון "מילי דחסידותא".

משא"כ אבער ע"פ המבואר לעיל אז די משנה רעדט זיך וועגן א חכם בכלל (ניט אין לימוד התורה) - איז פארשטאנדיק וואס איז דא די "מילי דחסידותא":

איינער קען זיין א חכם, ביז א חכם אמיתי, ווי דער רמב"ם[143] זאגט, אז א חכם "צריך שיהי' ניכר במעשיו במאכלו ובמשקהו וכו'", מיט די אלע צען ענינים וואס ער רעכנט דארטן אויס,

וואס דאס איז ניט נאר בנוגע צו א חכם צווישן אידן, נאר אויך בנוגע צו א חכם בא אוה"ע;

דערנאך איז מוסיף די משנה אין פרקי אבות, אז מצד "מילי דחסידותא" איז די ראי' אז איינער איז א חכם - דוקא בשעת ער איז "לומד מכל אדם".

לה. א הוראה פון דער משנה:

עס זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן אז מ'וויל טאן נאר אין איין קו, אדער אין צוויי קוים - אין "איזהו חכם" אדער אין "איזהו גבור" וכו', ווארום דאס איז דער קו (אדער קוים) שלו - איינער איז פון "יששכר"[144], "מארי תורה"[145], און איינער איז פון "זבולון"[144], "מארי עובדין טבין"[145],

און טאקע טאן בשלימות אין זיין קו, ווי די גמרא זאגט אין כתובות[146] אז עס דארף זיין "כדבעי לי' למיעבד", און גודל האזהרה אין שלילת הדבר -

אבער טאן אין אלע קוים - דאס וויל ער ניט, ס'איז ניט פאר אים!

לערנט אים די משנה אין פרקי אבות, אז ע"פ "מילי דחסידותא" דארף ער טאן אין אלע קוים - אין קו פון "יששכר", "מארי תורה", און אין קו פון "זבולון", "מארי עובדין טבין",

- און -

------------

143) הל' דעות רפ"ה. 144) ראה ב"ר פצ"ט, ט. ויק"ר פכ"ה, ב. הל' ת"ת לאדה"ז שם ס"ד. ועוד. 145) ראה אגה"ק ס"ה (קט, א). ביאוה"ז פ' וישב לאדהאמ"צ (כה, א-ב) ולהצ"צ (ע' קלד). 146) סז, א.



הנחה הה' בלתי מוגה

און בפרטיות יותר טיילט זיך דאס אי' פיר סוגים:
"איזהו חכם הלומד מכל אדם", "איזהו גבור הכובש את יצרו", "איזהו עשיר השמח בחלקו" און "איזהו מכובד המכבד את הבריות",

און די פיר ענינים זיינען כולל אין זיך כל סדר ההשתלשלות, כנ"ל.

לו. ובהקדמה לזה זאגט מען "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא"[147], וואס אע"פ אז דאס איז נאר א "חלק" פון עוה"ב, וואס א "חלק" מיינט א "רביע" (א פערטל), ווי די גמרא זאגט אין ב"ב[148] - ביחד עם זה האט אבער יעדער יחיד אויך די גאנצע זאך. והביאור בזה:

אין עוה"ב זיינען דא צוויי ענינים: ס'איז דא דער ציור עולם פון עוה"ב, און ס'איז דא אן ענין עצמי אין עוה"ב, וואס מצד דעם איז עוה"ב פארבונדן מיט עצמות, און דערפאר קען עוה"ב זיין א שכר פאר אידן אויף דעם וואס זיי זיינען מקיים תומ"צ, וואס תומ"צ זיינען אייך זאך מיט עצמות.

און בשעת מ'זאגט אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב" - מיינט דאס טאקע אז דער איד נעמט א "רביע" פון עוה"ב - אבער "כשאתה תופס בחלק מן העצם אהה תופס בכולו"[149], האט ער אין דעם "רביע" פון עוה"ב גאנץ עוה"ב - חכמה, בינה, דעת און מלכות פון עוה"ב.

לז. דערנאך איז ער מוסיף ביאור, אז ראס איז דערפאר וואס "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר":

וויבאלד אז א איד איז "נצר מטעי" און "מעשה ידי" פון דעם אויבערשטן - איז דאך נים שייך צו זאגן אז א איד איז נאר איין פרט אין "מעשה ידי" און נים קיין צווייטער פרט אין "מעשה ידי" - ווארום ס'איז מובן בפשטות אז "מעשה ידי" פון רעם אויבערשטן קען מען נים צוטיילן אויף פרטים, ס'איז אלץ איין זאך,

ובמילא, איז א איד, וואס ער איז דאך "מעשה ידי" פון דעם אויבערשטן - האט ער דורך דערויף די גאנצע "מעשה ידי".

און ער איז מוסיף "להתפאר":

עצמות ברימט זיך מיט דעם אידן - ווארום די עבודה פון

- א אידן -

------------

147) סנהדרין צ, א במשנה. 148) סג, א. וראה אוה"ת נה נד, ריש ע"ב. 149) המשך תרס"ו ע' הקכב. ועוד. וראה סה"ש תש"א ע' 32 בהערה.

א אידן איז "צורך גבוה"[150], און ז׳ איז מוסיף כח "בגבורה של מעלה"[151], אין עצמות ומהות אלייך, ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות[152].

לח. דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם חג הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז, ווארום דאס איז געווען א גאולה פון א מאסר וואס האט אנגערירט ניט נאר א חלק פון דעם בעל המאסר והגאולה, אדער נאר עטליכע פון זיינע כחות -

נאר דאס האט אנגערירט עצמות פון בעל המאסר והגאולה, ביז אז דאס האט אנגערירט אלע זיינע ענינים פארבונדן מיט תומ"צ, ועד כדי כך - אז דאס האט אנגערירט אויך דעם אופן הכתיבה פון זיינע מאמרים (ניט-אום-שבת גערעדט), ווי ער האט געשריבן[153] אז דער מאסר האט גע׳פועל׳ט א שינוי אין די מאמרים פון חג השבועות וואס ער האט געשריבן יענעם יאר.

לט. איינע פון די עיקריות׳דיקע ענינים וואס האבן גורם געווען צו דעם מאסר איז געווען - דאס וואס דער בעל המאסר והגאולה האט זיך במיוחד משתדל געווען מיט תינוקות.

וואס דאס איז אויך פארבונדן עם המסופר בפרשתנו (בהמשך צו "ויקם משה וילך אל דתן ואבירם גו׳"), אז "דתן ואבירם יצאו נצבים פתח אהליהם ונשיהם ובניהם וטפם",

זאגט אויף דערויף רש"י, אז דאס באווייזט אויף גודל המחלוקת פון דתן ואבירם קעגן משה רבינו, ביז אז זיי האבן משפיע געווען אויך אויף זייערע קינדער: "בא וראה כמה קשה המחלוקת, שהרי ב"ד של מטה אין עונשין אלא עד שיביא שתי שערות וב"ד של מעלה עד כ׳ שנה, וכאן אבדו אף יונקי שדים".

וואס ס׳איז דאך "מדה טובה מרובה ממדת פורענות"[154] -

זאגט דער אויבערשטער אז "טפכם אשר אמרתם לבז יהי׳"[155] - וועט זיין "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים"[156]!

וואס דערפון האט מען די הוראה אויף וויפל מ׳דארף זיך

- משתדל -

------------

150) עבוה"ק חלק העבודה פ"ג. הובא ונתבאר בשל"ה, ל, א ואילך. 151) דאה איכ"ד פ"א, לג. 152) שיחת ש"פ ויקרא ס"ב. ד"ה זאת תורת העולה דש"פ צו, שבה"ג. ד"ה צאינה וראינה דיום ב׳ דחגה"ש. ד"ה על שלשה דברים דש"פ נשא. וראה סה"מ תרע"ה ע׳ רפב ואילך. עזר"ת ע׳ קצה ואילך. ועוד. 153) מפתח מאמרי אדמו"ר (מהוריי"ץ) נ"ע ע׳ 13 בהערות. 154) סוטה יא, א. תוספתא סוטה רפ"ד. 155) ל׳ הכתוב - שלח יד, לא. 156) מלאכי ג, כב ובפרש"י.

משתדל זיין מיט קליינע קינדער, ביז - אראפלאזן זיך צו זיי בכל עניניהם, און זיי באזארגן מיט אלץ וואס זיי דארפן האבן, בגשמיות וברוחניות.

וע"ד ווי ס'איז געווען בא יוסף, וואס ער איז געווען "משביר לכל עם הארץ"[157], ע"ד ווי דער בעל הגאולה איז דער "משביר לכל עם הארץ" איצטער - אז "ויכלכל יוסף גו' לחם לפי הטף"[158].

ד.ה. אז הגם אז "דרך הטף הוא לפרר הלחם"[159] וואס לכאורה איז אין דעם ניטא קיין תועלת - פונדעסטוועגן האט ער זיי געשפייזט "לחם לפי הטף".

וואס דערפון האט מען די הוראה - אז עס דארף זיין "חנוך לנער ע"פ דרכו", אז הגם ער "צוברעקלט" דאס וואס מ'גיט אים, ד.ה. אז "ע"פ דרכו" דארף מען מיט אים טאן כמה ענינים וואס האבן לכאורה קיין תועלת ניט אין תומ"צ, ווארום זיי זיינען ענינים פארבונדן מיט קינדער, וואס די ענינים זיינען לכאורה טפלים -

איז אבער דוקא דאס "דרכו", ובמילא דארף זיין דער "חנוך לנער" אין אזא אופן, אין אן אופן פון "ויכלכל . . לחם לפי הטף", און דוקא אזוי איז מען דער "משביר".

מ. ויה"ר אז עס זאל זיין "מסמך גאולה לגאולה"[160] - די גאולה פון י"ב-י"ג תמוז צו דער גאולה האמיתית והשלימה,

וואס דעמולט וועט זיין "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", "קהל גדול ישובו הנה",

און אין אן אופן אז "בם עור ופסח"[161], ווארום זיי וועלן אויסגעהיילט ווערן[162], וואס דאס וועט אזוי זיין בגשמיות, דערפאר וואס אזוי וועט זיין ברוחניות, "שנשתלשלו מהן",

במהרה בימינו ממש.

* * *

מא. דער ביאור אין פירוש רש"י:

דערפון וואס עס שטייט אין פסוק די ווערטער "ויקם משה" איז רש"י מכריח אז משה האט דא געטאן א פעולה מיוחדת, נוסף

- אויף -

------------

157) מקץ מב, ו. 158) ויגש מז, יב. 159) שפתי חכמים עה"פ (וראה פסחים י, ב). 160) מגילה ו, סע"ב. 161) ירמי' לא, ח. 162) סנהדרין צא, ב. ועוד.

אויף מקיים זיין ציווי ה' "דבר אל העדה לאמר העלו מסביב למשכן קרח דתן ואבירם",

ווארום אויב דער פירוש אין "ויקם משה גו'" איז נאר אז משה איז געגאנגען מקיים זיין ציווי ה' "דבר אל העדה לאמר העלו מסביב למשכן קרח דתן ואבירם" - האבן דא ניט געדארפט שטיין די ווערטער "ויקם משה", עס וואלט געווען מספיק אויב עס וואלט געשטאנען "וידבר ה' אל משה לאמר דבר אל העדה לאמר העלו מסביב למשכן קרח דתן ואבירם", און דערנאך גלייך "וילך משה גו'", אז משה איז געגאנגען מקיים זיין דעם ציווי.

וויבאלד אבער עס שטייט אין פסוק "ויקם משה" - איז מוכח אז משה האט דא געטאן א פעולה חדשה, נוסף אויף מקיים זיין דעם ציווי פון דעם אויבערשטן.

מב. וועלכע פעולה חדשה ("ויקם משה") האט משה געטאן?

מ'קען ניט זאגן אין פשש"מ אז משה איז צו זיי געגאנגען "אולי יתביישו ויחזרו בהם", ווי דער פירוש אין מדרש - ווארום:

א) דאס איז בכלל ניט מרומז אין "ויקם משה".

ב) מה-דאך אז זיי האבן זיך ניט געשעמט פאר דעם אויבערשטן, און זיי האבן עובר געווען אויף דעם חטא - עאכו"כ אז זיי וועלן זיך ניט פארשעמען פאר משה רבינו!

עד"ז קען מען ניט זאגן אז די פעולה חדשה פון "ויקם משה" מיינט אז משה איז צו זיי געגאנגען דערפאר וואס "אין מחזיקין במחלוקת", ווי דער פירוש אין גמרא[163] - ווארום:

א) אויך דאס איז ניט מרומז אין "ויקם משה".

ב) רש"י האט שוין מפרש געווען פריער עה"פ[164] "וישלח משה לקרוא לדתן ולאבירם גו'" - אז "מכאן שאין מחזיקין במחלוקת, שהי' משה מחזר אחריהם להשלימם בדברי שלום" -

קען מען דאך דא ניט זאגן אז משה איז צו זיי געגאנגען דערפאר וואס "אין מחזיקין במחלוקת" - ווארום ער האט דאס שוין מקיים געווען פריער.

דערמיט וועט מען פארשטיין נאך א זאך:

פון דעם פסוק "ולא יהי' כקרח וכעדתו" (וואס שטייט ווייטער) לערנט אפ די גמרא[165] אז "כל המחזיק במחלוקת עובר בלאו",

- רש"י -

------------

163) סנהדרין קי, א. 164) טז, יב. 165) סנהדרין שם.



הנחה הת' בלתי מוגה

רש"י עה"פ (ברענגט דאס ניט אראפ, און) זאגט אן אנדער פירוש: "ולא יהי׳ כקרח - כדי שלא יהי׳ כקרח"?!

וע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק:

רש"י האט שוין פריער אפגעלערנט פון פסוק "וישלח משה גו׳" אז "מכאן שאין מחזיקין במחלוקת כו׳" - קען ער דאך דאס ניט זאגן נאכאמאל אויפן פסוק "ולא יהי׳ כקרח גו׳".

נוסף לזה: פשטות לשון הכתוב "ולא יהי׳ כקרח וכעדתו" איז ניט א לשון פון א לאו ואזהרה.

אפילו אח"ל אז "ולא יהי׳ כקרח וכעדהו" איז בלשון פון א לאו - איז דאך ידוע דער כלל אין רש"י, אז בשעת ס׳איז דא א ברירה צו זאגן אז א פסוק חזר׳ט זיך איבער א צווייטן מאל בכדי צו איבערזאגן נאכאמאל דעם זעלבן לאו, אדער אז דער פסוק קומט זאגן א נייע זאך - איז רש"י מפרש אז דער פסוק זאגט א נייע זאך,

און וויבאלד אז פון דעם פסוק "וישלח משה גו׳" האט שוין רש"י אפגעלערנט אז "אין מחזיקין במחלוקת" - זאגט רש"י אויף "ולא יהי׳ כקרח" א נייע זאך - "כדי שלא יהי׳ כקרח", מתאים לשיטתו אז דער פסוק חזר׳ט ניט איבער נאכאמאל דעם זעלבן לאו.

מג. דער איינציקער פירוש וואס רש"י קען זאגן אין דער פעולה חדשה פון "ויקם משה" איז - "כסבור שישאו לו פנים", וואס דאס איז מרומז אין דעם ווארט "ויקם". והביאור בזה:

"ויקם משה" איז ע"ד ווי עס שטייט [166] "ויקם שדה עפרון", ווי רש"י טייטשט אפ: "תקומה היתה לה שיצאה מיד הדיוט ליד מלך", און ע"ד "מפני שיבה תקום" [167] - וואס דאס זיינען ביידע ענינים וואס באווייזן אויף דעם ענין הכבוד.

וואס דעריבער איז רש"י מפרש: "ויקם משה - כסבור שישאו לו פנים": משה האט געמיינט אז דורך דערויף וואס ביי אים וועט זיין "ויקם" און ער וועט קומען צו דתן ואבירם, וועלן זיי אים אפגעבן כבוד ("ישאו לו פנים").

וואס דאס איז די פעולה וואס משה האט געטאן, נוסף (און פאר דערויף) וואס ער האט מקיים געווען ציווי ה׳:

פריער, בא "וישלח משה לקרוא לדתן ולאבירם גו׳", איז דאס געווען ע"י שליח, וואס דערפאר האבן זיי געזאגט "לא נעלה"; איצטער האט משה אבער געמיינט אז אויב ער אליין

- וועט -

---

166) ח"ש כג, יז. 167) קדושים יט, לב.

וועט קומען צו דתן ואבירם, איך אן אופן פון "ויקם משה" - וועט עס בא זיי פועל'ן אז זיי זאלן אים אפגעבן כבוד, "כסבור שישאו לו פנים"

[ובפרט אז זיי גופא האבן דאך געוואלט זיין כהנים גדולים[168] - מצד דערויף וואס א כהן גדול באקומט א סאך כבוד - וועלן זיי דאך זיכער אפגעבן כבוד צו משה רבינו בשעת ער וועט קומען צו זיי],

און דעמולט וועט ער קענען פועל'ן בא זיי אז זיי זאלן תשובה טאן.

אבער לפועל איז "לא עשו" - זיי האבן ניט אפגעגעבן משה'ן קיין כבוד, נאר "יצאו נצבים" - איז דעמולט האט משה איבערגעגעבן דעם ציווי פון דעם אויבערשטן - "וידבר אל העדה לאמר סורו נא מעל אהלי האנשים הרשעים האלה גו'".

מד. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: פארוואס האט משה טאקע געטאן א זאך על דעת עצמו, און איז ניט גלייך געגאנגען מקיים זיין ציווי ה' "דבר אל העדה לאמר העלו מסביב למשכן קרח דתן ואבירם"?

איז די הסברה בזה:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט כמ"פ, אז בשעת די אידן האבן עובר געווען אויף א חטא, איז משה אלעמאל געגאנגען זיך משתדל זיין בא דעם אויבערשטן ער זאל פארגעבן די אידן[169], און ער איז געגאנגען צו די אידן פועל'ן אויף זיי אז זיי זאלן תשובה טאן,

ווי דאס איז געווען בא חטא העגל, ועד"ז בא חטא המרגלים -

האט דאך עד"ז אויך געדארפט זיין אין פרשתנו בא מחלוקת קרח ועדתו.

זאגט רש"י אז אין הכי נמי - משה האט טאקע אויך דא געפרואווט פועל'ן אז די אידן זאלן תשובה טאן: "ויקם משה - כסבור שישאו לו פנים", און דורך דערויף וועט ער קענען רעדן מיט זיי און פועל'ן אויף זיי אז זיי זאלן תשובה טאן.

נאכמער:

ס'איז גאר א הכרה אז דער פסוק "ויקם משה" מוז שטיין גלייך וואו ער שטייט בפרשתנו -

- ווארום -

------------

168) במדב"ר פי"ה, ח. פרש"י עה"פ פרשתנו שם, ו.

169) ראה פרש"י עה"פ פרשתנו שם, ד.



הנחה הת' בלתי מוגה

ווארום אויב עס וואלט דא ניט געשטאנען "ויקם משה" - וואלט געווארן א שטורעם׳דיקע קשיא:

משה האט ערשט געהערט אז דער אויבערשטער האט געזאגט[170] "הבדלו מתוך העדה הזאת ואכלה אותם כרגע", און אויף דערויף האט ער געבעטן[171] בא דעם אויבערשטן "א-ל אלקי הרוחות לכל בשר האיש אחד יחטא ועל כל העדה תקצוף";

דערנאך אז דער אויבערשטער זאגט "דבר אל העדה לאמר העלו מסביב למשכן קרח דתן ואבירם" - טוט משה קיין זאך ניט צו אפשר קענען אפהאלטן די גזירה - נאר ער גייט גלייך מקיים זיין ציווי ה׳?!

וואס דערפאר איז מוכרח צו זאגן אז משה האט יע עפעס געטאן - און דאס איז וואס עס שטייט "ויקם משה", "כסבור שישאו לו פנים" - ער איז געגאנגען צו דתן ואבירם מיט דער לעצטער האפענונג אפשר וועט ער קענען פועל׳ן אויף זיי אז "ישאו לו פנים" און זיי זאלן תשובה טאן.

מה. דערמיט וועט מען פארשטיין נאך א זאך:

משה איז דאך דעמולט געשטאנען מיט דער גאנצער עדה באם פתח אוהל מועד, ווי עס שטייט פריער אין פסוק[172], "ויקהל עליהם קרח את כל העדה אל פתח אוהל מועד גו׳" -

איז פארוואס איז משה אוועק פון דער גאנצער עדה און געגאנגען צו דתן ואבירם, "ויקם משה וילך אל דתן ואבירם"?

וע"פ המבואר לעיל איז דאס פארשטאנדיק: משה איז געגאנגען צו דתן ואבירם בכדי צו פועל׳ן אויף זיי אז זיי זאלן תשובה טאן.

וואס מאיזה טעם שיהי׳ זיינען דתן ואבירם ניט געווען מיט כל העדה באם פתח אוהל מועד: אדער מצד דערויף וואס זיי זיינען געווען ברוגז אז מ׳האט זיי ניט געבעטן מקטיר זיין קטורת; אדער דערפאר וואס זיי זיינען געווען א מציאות בפ"ע פון קרח׳ן, און קרח האט אויף זיי ניט געקענט פועל׳ן צו קומען צום פתח אוהל מועד, ווי ער האט דאס גע׳פועל׳ט אויף שאר העדה.

און ס׳איז קיין שאלה ניט דערפון וואס עס שטייט "ויקהל עליהם קרח את כל העדה אל פתח אוהל מועד" - ווארום "כל העדה" מיינט ניט בהכרח אלע אידן ממש.

און וויבאלד אז דתן ואבירם זיינען געווען באזונדער

- פון -

---

170) פרשתנו שם, כא. 171) שם, כב. 172) שם, יט.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

פון די אנדערע אידן, איז משה געגאנגען צו זיי פועל'ן אז זיי זאלן תשובה טאן.

דערנאך אז ער האט געזעהן אז "לא עשו", אז ער האט אויף זיי ניט גע'פועל'ט - האט ער דארטן (ער איז ניט צוריק-געגאנגען צום פתח אוהל מועד) געזאגט "סורו נא מעל אהלי האנשים הרשעים האלה גו'",

און דאס איז שוין אנגעקומען צו דער גאנצער עדה - ווארום צוזאמען מיט משה זיינען געגאנגען צו דתן ואבירם אויך די "זקני ישראל", "ויקם משה וילך אל דתן ואבירם וילכו אחריו זקני ישראל" - איז ווי באלד אז זיי האבן געהערט פון משה'ן "סורו נא גו'", איז דאס שוין דערנאך נתפרסם געווארן צו אלע אידן.

וואס דאס איז דאך פארשטאנדיק מעצמו - במילא דארף דאס רש"י ניט באווארענען.

מו. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר - צוליב וואס האט קרח געדארפט האבן אין מדבר א סאך געלט:

קרח האט דאך געוואלט זיין א כהן גדול, און דער דין איז[173] אז "כהן גדול צריך שיהי' גדול מאחיו . . בעושר",

דערפאר האט קרח, וואס "פקח הי'", געדארפט האבן א סאך געלט אפילו אין מדבר - ווארום דאס איז א תנאי אין זיין ווערן א כהן גדול,

און קרח האט פארשטאנען, אז וואס מער געלט ער וועט האבן - וועט ביי אים וואס מערער זיין דער "גדול מאחיו".

און פארשטייט זיך אז וואס מערער געלט ער האט געהאט איז ביי אים געווען "מי שיש לו מנה רוצה מאתים"[174] - ווען ער האט געהאט א מנה, איז דאס ביי אים געווארן "די מחסורו"[175], און בכדי עס זאל ביי אים זיין "לעשרו"[176] - האט ער געדארפט האבן "מאתים" וכו'.

נאכמער:

ניט נאר קרח האט געוואלט זיין א כה"ג, נאר ער האט אויך אנגערייצט די חמשים ומאתים איש אז זיי זאלן אויך וועלן זיין כהנים גדולים - האט דאך קרח געדארפט באזארגן

- אויך -

------------

173) יומא יח, א. הוריות ט, א. רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ה ה"א. 174) ראה קה"ר פ"א, יג, פ"ג, י. בחיי ס"פ חיי שרה. 175) ל' הכתוב - ראה טו, ה. 176) ראה כתובות סז, ב. פרש"י עה"פ.

אויך פאר זיי דעם ענין העשירות אז זיי זאלן זיין "גדול מאחיו", ובפרט אין יענעם דור וואס אלע אידן זיינען געווען בתכלית העילוי בעשירות[177].

בנוגע צו די מעלות רוחניים וואס זיינען פארבונדן מיט "גדול מאחיו" - קען איינער טאקע ניט געבן א צווייטן די מעלות; ער מוז דאס האבן פון זיך אליין - אבער אן ענין גשמי, דער ענין העשירות - דאס האט קרח זיי געקענט געבן.

מז. דאס וואס קרח איז געווען אן עשיר איז נאכמער פארשטאנדיק ע"פ המבואר אין חסידות - אז טענת קרח איז געווען אז עס זאל זיין מעלת הגבורה,

וואס דער ענין הגבורות איז - תגבורת החיות[178], און דערפון ווערט נשתלשל, "שנשתלשלו מהן", דער ענין העשירות כפשוטו.

מח. כמדובר לעיל (סכ"ט) אז דער ענין העשירות איז טאקע א גוטע זאך, און מ'דארף דאס האבן - אבער צוזאמען דערמיט דארף מען ניט ליגן אין דעם.

און מ'דארף וויסן אז דער ענין פון עשירות איז א נסיון - בכדי צו זעהן צי דער עשיר וועט שרייען "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[179], און וואס מערער עס וועט זיין "כחי ועוצם ידי" - וואס מערער געלט וועט ער האבן; אדער ער וועט מכיר זיין אז דאס וואס ער איז אן עשיר איז בכחו ועוצם ידו פון דעם אויבערשטן,

וואס דעמולט ליגט ער ניט אין די געלט וואס ער האט, ווארום ער ווייסט אז "לי הכסף ולי הזהב"[180], נאר זיין קאפ ליגט אין וואס ער דארף ליגן - אין שקו"ט פון לימוד התורה.

וואס דעמולט איז ער אויך פארזיכערט אז ער וועט האבן דעם ענין פון עשירות, ווי די משנה זאגט אין פרקי אבות (אין היינטיקן פרק[181]) אז "כל המקיים את התורה מעוני סופו לקיימה מעושר".

ובפרט אז ער ליגט אין דיני ממונות פון תורה, וואס "הרוצה שיחכים יעסוק בדיני ממונות" - וואס דעמולט איז ער פארזיכערט מיט געלט, ווארום ער האט געלט ווי דאס שטייט אין תורה:

- בשעת -

------------

177) ראה בכורות ה, ב. תנחומא בשלח כה. פרש"י עה"פ בא יג, יג. 178) ראה סידור רמז, א-ב. ועוד. 179) עקב ח, יז. 180) חגי ב, ח. 181) פ"ד מ"ט.



הנחה הת' בלתי מוגה

בשעה ער האט צוטאן מיט א גוי אין באנק - ווייסט ער ניט צי ער וועט אויף אים פועל זיין, עד"ז ווען ער האט צוטאן מיט נאך א איד - האט דאך דער איד בחירה צי ער וועט מיט אים מאכן א געשעפט צי ניט;

כשא"כ ווען ער איז זיך עוסק אין דיני ממונות פון תורה, וואס די תורה האט מען אפגעגעבן צו דעם רשות פון דעם אידן - האט ער זיכער אין זיין רשות דעם ממון ווי עס שטייט אין תורה!

מס. וכאמור - מ׳איז ניט שולל דעם ענין העשירות כפשוטו, עשירות דארף זיין, ואדרבה - עשירות בגשמיות באווייזט אויף א מעלה ברוחניות, ווארום עשירות בגשמיות איז "נשתלשלו מהן" פון כחו ועוצם ידו פון דעם אויבערשטן,

און מ׳זעט במוחש אז עשירות קען מען אויסנוצן אויף גוטע זאכן, און וואס מער געלט מ׳האט קען מען טאן מערער גוטע זאכן, און מ׳זעט אויך אז צו אלע גוטע זאכן אין וועלט דארף מען האבן געלט -

די קאפ פון א אידן דארף אבער ניט ליגן אין "קאלאשן", אין די געלט וואס מ׳האט; די קאפ דארף ליגן אין שקו"ט בלימוד התורה.

וואס דארף יע ליגן אין "קאלאשן", אין געלט - איז דאס די פיס פון דעם מענטשן, ווארום "היקום אשר ברגליהם[182] - זה ממונו של אדם שמעמידו על רגליו" [ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[183] - אין דעם זעלבן פרק וואו עס רעדט זיך וועגן די מרגלים, וועגן קרח, וועגן משה רבינו, וועגן רבי עקיבא, און וועגן ביאת משיח צדקנו]:

דוקא "ממונו של אדם" איז "היקום אשר ברגליהם" - דאס גיט אים געזונטע פיס און שטארקע פיס, ובמילא איז דאס "מעמידו על רגליו" - דאס שטעלט אים אויף, און דאס האלט אים אויף אז ער זאל שטיין על עמדו, און ניט שאקלען זיך, ביז אז דאס פועל׳ט אז אלע כחות האדם זאלן שטיין על עמדם.

וואס דער טעם פארוואס דאס איז אזוי בגשמיות, איז דערפאר וואס אזוי איז דאס ברוחניות, אז די מעלה פון עשירות ווערט נשתלשל פון כחו ועוצם ידו פון דעם אויבערשטן, כנ"ל.

און דער אויבערשטער זאל טאקע בענטשן יעדער איינעם

- בבני -

---

182) ל׳ הכתוב - עקב יא, ו. 183) קי, א. הובא בפרש"י עה"פ שם.

בבני חיי ומזוני, ומתוך הרחבה ומתוך עושר, ביז אז עס
ווערט נמשך פון דעם מרחב העצמי אין דעם מיצר פון עוה"ז,
אין אן אופן פון "סופו לקיימה מעושר",

און אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור.

* * *

נ. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות:

בן זומא קומט מחדש זיין א נייעם ענין אין די אלע פיר
ענינים פון "חכם", "גבור", "עשיר" און "מכובד", ניט ווי
דאס איז ע"פ פשטות הענינים.

והביאור בזה אין "איזהו חכם":

א חכם איז איינער וואס פארשטייט יעדער זאך בשלימותה,
און ער קלייבט זיך פאנאנדער אין יעדער זאך וואס זיינען די
מעלות אין איר און וואס זיינען די חסרונות אין איר.

ער איז טאקע מלמד זכות, און "מדה טובה מרובה וכו'" -
אבער ער איז ניט קיין חכם באמיתית אויב ער ווייסט ניט די
חסרונות אין א זאך - אדער בכדי ער זאל דאס קענען משפר
זיין, אדער מתקן זיין, אדער מהקן זיין אין אן אופן פון
"שבירתן זהו תקנתן"[184].

ובלשון הזהר [וואס ברענגט זיך אין הסידות[185] בשם הזהר,
אבער לע"ע האב איך דאס ניט געפונען אין זהר]: "בחכמה
אתברירו" - חכמה איז מברר וואס זיינען די דברים טובים און
די דברים לא טובים אין יעדער זאך.

וואס דערפאר איז דער צוגאנג פון א חכם צו יעדער זאך
אין אן אופן פון "ימין מקרבת"[186], און צוזאמען דערמיט אויך
"שמאל דוחה"[186] בנוגע צו די ענינים לא טובים אין דער זאך,
ווארום ער ווייסט אז פונקט ווי עס זיינען דא מעלות אין
יעדער זאך, עד"ז זיינען אויך דא חסרונות אין יעדער זאך.

נא. לפ"ז קומט דאך אויס, אז דער ענין פון א חכם איז <u>היפך</u>
הענין פון "הלומד מכל אדם" - ווארום אן אמת'ער חכם טענה'ט:
וואס הייסט ער וועט זיך אפלערנען פון יעדער מענטש: עס
זיינען דאך דא מענטשן וואס האבן חסרונות - דארף מען דאך
זיי שולל זיין און ניט אפלערנען זיך פון זיי?!

בשלמא בנוגע צו אהבת ישראל - זאגט דער אלטער רבי אין

- תניא -

---

184) ראה כלים פ"ב מ"א. 185) אגה"ק סכ"ח. 186) ל'
הז"ל - סוטה מז, א. סנהדרין קז, ב.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

תניא פרק לב, אז מ׳דארף האבן אהבה ישראל אויך צו "הרחוקים מתורת ה׳ ועבודתו" וואס זיי ווערן אנגערופן "בשם בריות בעלמא", וויבאלד אז זיי האבן ניט קיין צווייטע מעלה חוץ פון דעם וואס זיי זיינען בריות פון דעם אויבערשטן - ווארום "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן באלקים חיים" -

במילא איז פארשטאנדיק ווי מ׳קען האבן אהבת ישראל אויך צו אזא אידן וואס האט ניט קיינע מעלות, און אים ארויסהעלפן וכו׳ - ווארום די אהבת ישראל צו אים איז מצד שרשו ומקורו (איך אצילות, אדער אפילו איך יצירה וכו׳);

בשעת מ׳זאגט אים אבער אז ער דארף זיך לערנען פון דעם מענטשן ("איזהו חכם הלומד מכל אדם") - רעדט זיך דאך דאס וועגן לערנען זיך פון אים בנוגע ווי צו פירן זיך דא למטה בעוה"ז הגשמי (ניט בשרשו ומקורו) - איז ווי קען מען זיך פון יענעם לערנען - ער איז דאך מערניט ווי "בריות בעלמא"?!

ואדרבה: פון תניא איז גאר א ראי׳ אז מ׳דארף זיך ניט לערנען פון אים איך עוה"ז הגשמי - ווארום אויב יע, האט דער אלטער רבי ניט געדארפט זאגן אז מ׳דארף האבן אהבת ישראל אויך צו אזא אידן דערפאר וואס "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן" - נאר דערפאר וואס אויך למטה איך עוה"ז הגשמי האט דער איד מעלוה וואס מ׳זעט ניט בחיצוניות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז איך עוה"ז הגשמי האט טאקע דער איד קיינע מעלות ניט (חוץ דאס וואס ער איז א בריאה פון דעם אויבערשטן) - איז ווי קען מען זאגן אז מ׳דארף זיך לערנען בעוה"ז "מכל אדם"?

נב. קומט בן זומא און איז מחדש, אז אדרבה: "איזהו חכם הלומד מכל אדם":

וואס איז די ראי׳ אז ער איז אן אמת׳ער חכם - דוקא בשעת מ׳זעט אז ער לערנט זיך פון יעדער מענטש*.

דאס ("הלומד מכל אדם") איז אבער ניט מספיק אלט א טעם איך תניא אויף האבן אהבת ישראל צו יעדן אידן (אפילו צו אזוינע וואס זיינען מערניט ווי "בריות בעלמא") -

ווארום מ׳קען זיך לערנען פון איינעם רפואה אדער תכונה - און ס׳איז ניט בהכרח אז דאס זאל ברענגען אז מ׳זאל האבן אהבה צו אים.

נג. דערנאך איז בן זומא מחדש אז "איזהו גבור הכובש את יצרו", ניט ווי דאס איז בפשטות הענין

- והביאור -

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ בלק.

והביאור בזה:

א גבור, בפשטות, איז - איינער וואס האט כח בגשמיות צו זיך מתגבר זיין אויף אנדער זאכן, ער איז א "לוכד עיר",

וואס דאס קומט דערפון וואס ביי אים איז דא הגבורת החיות בפועל,

אויב ער איז אבער א גבור נאר בכח, און די התגברות קומט ניט ארויס בפועל - איז ער ניט קיין אמת׳ער גבור.

וע"ד המבואר אין קונטרס התפלה[187] בנוגע צו דעם חילוק (אין עבודת האדם) צווישן א שור, כשב ועז:

א שור האט תוקף וגבורה בפועל ממש, דערפאר איז דאס בגדר צו מהפך זיין; משא"כ די עזות און גבורה פון אן עז איז נאר בכח, ס׳איז ניט ניכר בגלוי, ע"ד ווי א גבור וואס שלאפט, וואס אויף אים איז ניט שייך צו זאגן אז ער איז א גבור, וויבאלד אז דאס איז נאר בכח, און דערפאר קען מען ניט מהפך זיין הגבורה שלו.

לפ"ז קומט דאך אויס אז דער אמיתית הענין פון א גבור און "לוכד עיר" איז - דוקא ווען בא אים איז דא א תגבורת החיות בפועל ממש וואס שפארט זיך ארויס בגלוי.

נד. קומט בן זומא און איז מחדש, אז אדרבה: "איזהו גבור הכובש את יצרו",

וואס "יצרו" דא מיינט לאו דוקא דער יצה"ר שלו, נאר דאס מיינט בכללות - דער טבע האדם.

ד.ה. אז "הכובש את יצרו" מיינט - אז אט דעם טבע גופא ("יצרו") וואס ער איז א גבור, וואס ביי אים איז דא תגבורת החיות - איז ער כובש און מונע - "הכובש את יצרו".

און דאס, זאגט בן זומא, איז די ראי׳ אז ער איז דער אמת׳ער גבור - ווארום דער כח צו זיך מצמצם און מגביל זיין איז א סאך טיפער און א סאך שטארקער ווי די זאך וואס ער איז מצמצם, וואס דערפאר קען ער דאס מצמצם זיין.

וכמבואר אין חסידות אז ס׳איז דא דער אוא"ס הממלא כל מקום החלל, און דערנאך איז דא דער כח הצמצום וואס איז שטארקער און טיפער פאר דעם אוא"ס הממלא מקום החלל, וואס דערפאר קען ער אים מצמצם זיין[188].

נה. דערנאך איז בן זומא מחדש אז "איזהו עשיר השמח בחלקו",

- ניט -

------------

187) פ"ח (ע׳ 20). 188) ראה המשך תרס"ו ס"ע הקסב. ובכ"מ.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

ניט ווי אן עשיר איז בפשטות הענין.

והביאור בזה:

אן עשיר וואס הורה רופט אים אַן עשיר - איז טאקע אן עשיר בשלימותו, וואס ביי אים איז דער טבע פון "מי שיש לו מנה רוצה מאתים", סיי בגשמיות און סיי ברוחניות.

אויב ער איז אבער איינער וואס איז "שמח בחלקו" איז ער היפך דעם ענין פון אן עשיר - ווארום דער טבע פון אן עשיר אמיתי איז - אז וויפל ער האט נאר וויל ער האבן מערער, "מי שיש לו מנה רוצה מאתים".

איז בן זומא מחדש, אז אדרבה: "איזהו עשיר השמח בחלקו":

דער אמת'ער עשיר איז דוקא דער וואס האט מנוחת הנפש און מנוחת הגוף בחייו אין עוה"ז, וואס דאס איז דער ענין פון עוה"ב (מנוחה) ווי דאס איז אין עוה"ז - מנוחה בגשמיות און מנוחה ברוחניות, וואס "אשריך (בעולם הזה)" איז בפשטות דער ענין פון מנוחת הנפש.

נו. דערנאך איז בן זומא מחדש אז "איזהו מכובד המכבד את הבריות", ניט ווי א מכובד איז בפשטות הענין.

והביאור בזה:

א מכובד איז דוקא איינער וואס מ'גיט אים אפ כבוד בפועל ממש, ווארום אויב ער איז א בורח מן הכבוד - איז ניט שייך צו זאגן אז ער איז א מכובד; צו זיין א מכובד מוז ער זיין באותו מקום פון די וואס זיינען אים מכבד.

נוסף לזה איז א מכובד בעצם איינער וואס ווייסט אז מ'גיט אים אפ כבוד, און ער ווייסט פארוואס מ'גיט אים אפ כבוד, ד.ה. אז ער איז מכיר זיינע אייגענע מעלות וואס צוליב זיי גיט מען אים אפ כבוד.

לפ"ז קומט אויס אז א מכובד איז היפך פון איינעם וואס איז "מכבד את הבריות" - ווארום וויבאלד אז א מכובד בעצם ווייסט מעלת עצמו פארוואס ער באקומט כבוד, ובמילא פארשטייט ער וואס דער ענין פון כבוד איז - איז ווי קען ער מכבד זיין א בריה, וואס זיי האבן ניט קיינע מעלות?!

אויב ער ווייסט ניט וואס דער ענין פון כבוד איז - קען ער מכבד זיין יעדער איינעם;

בשעה ער ווייסט אבער וואס דער ענין פון אמת'ער כבוד איז, וויבאלד אז מ'גיט אים אפ כבוד (דערפאר וואס "הבורח מן הכבוד הכבוד רודף אחריו"),

און ער ווייסט אויך דעם טעם פארוואס אים קומט כבוד

- ע"פ -

ע"פ תורה, אז דאס איז דערפאר וואס ער האט געהארעוועט מיט זיך,

ביז אז ער ווערט א מכובד בעצם ע"פ תורה - ע"ד ווי א כהן וואס ביי אים דארף זיין "לכבוד ולתפארת"[189], וואס דאס איז א כבוד בעצם, וואס דערפאר איז דא א שאלה צי א כהן קען מוחל זיין על כבודו[189*], ועד"ז ביי א מלך איז "מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול"[190], ווארום ער איז בעצם א מכובד -

איז ווי קען אזא מכובד מכבד זיין את הבריות, וואס זיי האבן ניט די אלע ענינים?!

נז. קומט בן זומא און איז מחדש, אז אדרבה: "איזהו מכובד המכבד את הבריות".

און היות אז בפשטות איז א מכובד ניט מכבד קיין בריות כנ"ל, דערפאר, איז ווען בן זומא איז מחדש אז דער אמת'ער מכובד איז דוקא דער וואס איז מכבד את הבריות, דארף ער ברענגען אויף דעם א ראי' - "שנאמר" - פון דעם וואס שטייט אין פסוק "כי מכבדי אכבד":

רער אויבערשטער איז דאך דער אמת'ער מכובד, ווי די משנה[191] זאגט "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו, שנאמר[192] כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו" - און אעפ"כ זאגט דער אויבערשטער "כי מכבדי אכבד" - אז ער איז מכבד די וואס זיינען אים מכבד[193].

דערנאך איז ער ממשיך: "ובוזי יקלו". והביאור בזה:

דורך דעם וואס מען איז מבזה את הבריות - בריותיו של הקב"ה - איז מען מבזה כביכול אים (הקב"ה).

און דאס ברענגט ער די ראי' פון סיום הכתוב "ובוזי יקלו", אז בשעת מען איז מבזה את הבריות, ועד"ז איז אויך ווען מען איז ניט מכבד את הבריות

[ווארום צווישן ניט מכבד זיין אימעצן מיט מבזה זיין אים איז ניטא קיין ממוצע.

ס'איז דא מערניט ווי א חוט השערה און מלא נימא צווישן זיי, וכידוע אינש בנפשי' אז בשעת מ'איז ניט מכבד איינעם איז דאס ניט קיין ווייטע וועג פון מבזה זיין יענעם] -

איז ניט נאר וואס מען איז ניט קיין מכובד, נאר נאך

- מער: -

------------

189) הצוה כח, ב. *189) גיטין נט, ב. טור סקל"ה ובנו"כ. נו"כ שו"ע שם. 190) קידושין לב, ב. 191) אבות ספ"ו. 192) ישעי' מג, ז. 193) רבינו יונה ורע"ב לאבות כאן.



הנחת הת' בלתי מוגה

מער: "ובוזי יקלו":

די וואס זיינען מבזה את הבריות (אדער זיי זיינען זיי ניט מכבד, וואס אויך העדר הכבוד איז בזיון, כנ"ל), וואס דורך דעם זיינען זיי מבזה (כנ"ל) דעם וואס האט באשאפן די בריות - "ובוזי", איז ניט נאר וואס זיי קענען ניט זיין קיין מכובדים, נאר אדרבה, "יקלו".

און ס'איז ניט קיין ענין פון אן עונש, אז מצד דערויף וואס זיי זיינען "בוזי" וועט זיי דער אויבערשטער מעניש זיין (אז ער וועט זיי גרינג-שעצן), נאר "יקלו מעצמם"[194], ווארום אזוי האט דער אויבערשטער איינגעשטעלט בטבע הבריאה אז די וואס זיינען מבזה את הבריות (וואס דורך דעם זיינען זיי "בוזי") וועלן זיי ווערן גרינג-געשעצט בעיני בני אדם.

נח. דער קשר פון דער משנה מיט בן זומא:

ווי געערעדט פריער (סל"א) זיינען די פיר ענינים אין דער משנה ("חכם", "גבור", "עשיר" און "מכובד") כולל אין זיך אלע דרגות אין גאנץ סדר השתלשלות, און כולל אין זיך אויך אלע סוגים פון אידן וכו'.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בכדי דורכפירן די אלע פיר ענינים - דארף מען האבן א ידיעה אין אלע סוגים פון אידן.

וואס דאס געפינט מען איז געווען דוקא בא בן זומא:

די גמרא דערציילט אין ברכות[195]: "בן זומא ראה אוכלוסא (ששים ריבוא מישראל) על גב מעלה בהר הבית אמר ברוך חכם הרזים".

וואס דער טעם פארוואס מ'זאגט די ברכה ווען מ'זעט אן "אוכלוסא", ששים ריבוא מישראל, איז די גמרא מסביר - "שאין דעתם דומה זה לזה ואין פרצופיהן דומים זה לזה", במילא ווען מ'זעט א סאך אידן צוזאמען - מאכט מען די ברכה "ברוך חכם הרזים" ("היודע מה שבלב כל אלו"[196]).

און דער טעם פארוואס מ'מאכט די ברכה דוקא ווען מ'זעט אן "אוכלוסא", ששים ריבוא מישראל (כאטש אז דער ענין פון "אין דעתם דומה זה לזה כו'" איז אויך דא ווען מ'זעט ווייניקער מענטשן), איז - דערפאר וואס ששים ריבוא מישראל זיינען כולל אין זיך אלע אידן,

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין דער הקדמה צו תניא,

- ועד"ז -

---

194) שם. 195) נח, א. 196) פרש"י שם ד"ה חכם הרזים.

ועד"ז איז ער מבאר אין תניא[197], אז "ששים ריבוא נשמות פרטיות אלו הן שרשים" וואס זיי זיינען כולל אין זיך אלע נשמות, און אויך די ששים ריבוא שרשים טיילן זיך אויף ששים ריבוא - "וכל שרש מתחלק לששים ריבוא ניצוצות".

און דעריבער איז דוקא ווען מ'זעט ששים ריבוא מישראל - מאכט מען די ברכה "ברוך חכם הרזים" - ווארום ששים ריבוא מישראל זיינען כולל אין זיך אלע חילוקים (פון "אין דעתם דומה זה לזה כו'") צווישן אידן.

אויב מ'זעט אבער איין איד וואס איז שקול כנגד ששים ריבוא מישראל[198] - מאכט מען ניט די ברכה, ווארום דארטן זעט מען ניט אן קיינע פרטים וחילוקים באזונדער;

דוקא בשעת מ'זעט ששים ריבוא מישראל בפועל, ווי יעדער איינער פון זיי שטייט-אלס א מציאות בפ"ע, און מ'קען דערקענען די חילוקים צווישן איינעם מיטן צווייטן - מאכט מען די ברכה.

נט. עפ"ז איז פארשטאנדיק אויך בנדו"ד:

וויבאלד אז "בן זומא ראה אוכלוסא על גב מעלה בהר הבית" - האט ער דאך געזעהן אלע סוגים וחילוקים וואס זיינען דא בא אידן (און דאס געזעהן פון הר הבית וואס "משם אורה יוצאה לעולם"[199]) -

דערפאר איז דוקא בן זומא דער וואס האט געזאגט די פיר ענינים און הוראות אין דער משנה, וואס די פיר הוראות זיינען כולל אין זיך הוראות פאר אלע סוגים פון אידן,

און ווי גערעדט פריער (מיוסד אויף המבואר אין חסידות) אז די פיר ענינים זיינען כנגד חב"ד און מלכות, אדער חג"ת און מלכות, וואס דאס איז כולל אין זיך אלע דרגות אין סדר השתלשלות.

ס. די פיר ענינים אין דער משנה, "חכם", "גבור", "עשיר" און "מכובד" - געפינט מען בפרטיות בא בן זומא אליין:

בן זומא איז פארבונדן מיט דעם ענין החכמה - ווי די גמרא[200] זאגט אז "הרואה בן זומא בחלום יצפה לחכמה",

ועד"ז איז מובן (אז בן זומא איז פארבונדן מיט דעם

- ענין -

---

197) פל"ז (מח, א). 198) ראה שהש"ר פ"א, טו [ג]. פ"ד, א [ב]. מכילתא עה"פ בשלח טו, יג. וראה גם מכילתא א עה"פ בשלח כט, א. ר"פ יתרו. תנחומא בשלח י. פרש"י ר"פ יתרו. ועוד. 199) ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה. 200) ברכות נז, ב.

ענין החכמה) פון דעם וואס כאטש אז בן זומא ווערט ניט אנגערופן מיטן הואר "רבי" (דערפאר וואס "לא נסמך"[201]) - ברענגט אבער די גמרא אין הוריות[202] בן זומא אלס דוגמא אויף איינעם וואס איז "ראוי להוראה".

ונוסף לזה איז בן זומא געווען איינער פון די "ארבעה" וואס "נכנסו לפרדס"[203].

עד"ז איז בן זומא פארבונדן מיט דעם ענין פון "גבור", וואס דאס איז ספירת הבינה (כנ"ל סל"א) - ווי די משנה[204] זאגט אז "משמת בן זומא בטלו הדרשנים", וואס דרוש איז פארבונדן מיט ספירת הבינה[205].

עד"ז איז בן זומא געווען אן עשיר:

די גמרא זאגט אין ברכות (בהמשך צו דעם וואס "בן זומא ראה אוכלוסא כו׳") אז בן זומא האט געזאגט "כל אומות שוקדות ובאות לפתח ביתי כו׳". טייטשט אפ רש"י: "עשיר הי׳ והכל באין אצלו לסחורה".

און וויבאלד אז בן זומא האט געהאט די אלע מעלות - דערפאר איז ער אויך געווען א "מכובד".

סא. וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס עס שטייט[206] "אל יתהלל חכם בחכמתו ואל יתהלל הגבור בגבורתו אל יתהלל עשיר בעשרו, כי אם בזאת יתהלל המתהלל השכל וידע אותי",

וואס דאס זיינען די פיר ענינים אין דער משנה[207] - "איזהו חכם", "איזהו גבור", "איזהו עשיר", און "איזהו מכובד" איז ע"ד דער ענין פון "בזאת יתהלל", כבוד ה׳.

וכמבואר אין די מאמרים פון דעם אלטן רבי׳ן[208] אז דער פירוש אין "אל יתהלל גו׳ כי אם בזאת יתהלל המתהלל השכל וידע אותי גו׳", איז ניט אז עס ווערט אוים מציאות פון "חכם" און "גבור" און "עשיר", און עס בלייבט נאר "השכל וידע אותי גו׳" -

נאר דער פירוש אין דעם איז[209] - אז בשעת ס׳איז דא דער "השכל וידע אותי גו׳" דעמולט איז דא דער אמיתית הענין פון "חכם", "גבור" און "עשיר", אז ער איז ניט קיין "חכם בחכמתו", "גבור בגבורתו", און "עשיר בעשרו", נאר ער איז א

- חכם -

---

201) פרש"י ורע"ב לאבות כאן. 202) ב, ב. 203) חגיגה יד, ב. 204) סוטה מט, א. 205) קה"י בערכו. לקוטי לוי"צ לזח"ב ׳ ׳ פו. וראה ע"ח (הובא בנגיד ומצוה בתחלתו. נה"ש בהקדמת רחובות הנ׳׳ר. וראה לקו"ד כרך ד תשעא, א ואילך). 206) י מי׳ ט, כב-כג. 207) רבינו יונה ותויו"ט לאבות כאן. 208) הנחות הר"פ ע׳ עח ואילך. 209) וראה גם תויו"ט שם.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

חכם, גבור און עשיר ווי זיי קומען פון דעם אויבערשטן.

און זיי זיינען, כאמור, כנגד ספירת החכמה, בינה און דעת, וואס זיי זיינען כולל אין זיך אלע דרגות פון סדר השתלשלות, און דערנאך האט מען אויך ספירת המלכות, דער ענין הכבוד ("איזהו מכובד" און "בזאת יתהלל המהלל גו׳"),

און דערנאך ווערט דאס נמשך פון מלכות דאצילות אויך אין בי"ע, וואס בי"ע איז דער ענין פון "ובוזי יקלו", ווארום דארטן דארף מען האבן דעם ענין התיקון - אדער דורך מתקן זיין די זאך, אדער דורך "שבירתו זהו תקנתו" (ע"ד "ובוזי יקלו").

סב. מ׳דארף אבער פארשטיין: וואס איז די שייכות פון כל המבואר לעיל צו יעדער איד?

ובפרט אז איצטער לערנט מען די משנה אין פרקי אבות שוין צום צווייטן מאל, נאך דעם וואס מ׳האט עס געלערנט צום ערשטן מאל פאר שבועות.

איז דער לימוד פון דער משנה לכאו"א - אז מ׳דארף זיך ניט מסתפק זיין מיט טאן נאר אין איין קו, אדער אין צוויי קוים, נאר מ׳דארף טאן אין אלע קוים און אין אלע ענינים, כמדובר לעיל (סל"ה).

ד.ה. ווי לדוגמא די מצוה פון מעקה: א איד איז ניט מחוייב גיין קויפן א שטוב בכדי צו מקיים זיין מצות מעקה; אויב ער האט א שטוב דארף ער מקיים זיין די מצוה, אויב אבער ער האט ניט קיין שטוב דארף ער ניט גיין קויפן א שטוב בכדי צו מקיים זיין מצות מעקה.

עד"ז בנוגע צו מצות שמיטה: אויב א איד וויל ניט טאן אין עבודת אדמה איז ער ניט מחוייב קויפן א שדה בכדי צו מקיים זיין מצות שמיטה.

מצד די הנהגה לויט "מילי דחסידותא" זאגט מען אבער, אז בשעת א איד קען טאן אין איין ענין אדער אין צוויי ענינים, און ער קען טאן אין אלע ענינים - לערנט אים די משנה אין פרקי אבות אז ער דארף טאן אין אלע ענינים, אין "איזהו חכם הלומד מכל אדם", "איזהו גבור הכובש את יצרו", "איזהו עשיר השמח בחלקו", און "איזהו מכובד המכבד את הבריות", וואס די ענינים זיינען כולל אלע ענינים.

סג. ובנוגע לפועל:

מ׳דארף טאן אין אלע ענינים פארבונדן מיט אידישקייט און מיט תורה ומצווה,

ובפרט אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער

- גאולה -

הנחת הה׳ בלתי מוגה

גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, וואס דער בעל הגאולה האט געוואלט אז מ'זאל טאן,

וואס בי"ב תמוז איז "מזלו גובר", דערפאר וואס דאס איז יום ההולדת שלו[210], ועאכו"כ בי"ב תמוז בשנה זו, וואס ס'איז מאה שנה פון זיין יום הולדת -

וועט מען זיכער טאן אין די אלע ענינים וואס דער בעל הגאולה האט געוואלט אז מ'זאל טאן, און זיכער וועט מען אויך מאכן די אלע הכנות דערצו נאך פאר דעם עצם טאג פון י"ב תמוז.

ובמיוחד - טאן בנוגע צו דעם חינוך פון קינדער, וואס אין דערויף האט זיך דער בעל הגאולה ספעציעל געקאכט, און ער האט זיך אויף דערויף מוסר נפש געווען, וכידוע אז דער בעל הגאולה האט זיך מוסר נפש געווען נים נאר בנוגע צו הומ"צ פון גדולים, נאר אויך אויף דעם חינוך פון די קליינע קינדער.

וואס דאס האט אויך א שייכות מיוהדה מיט שנה זו, וואס שנה זו איז א שנת השמיטה, וואס אין איר הויבן זיך אן די הכנות צו שנה הבאה - שנת הקהל, ובפרט אנהויבנדיק פון זמן מתן תורתנו פון שנה זו, וואס דעמולט הויבן זיך אן בכלל אלע ענינים, ווארום דעמולט איז געגעבן געווארן "אוריאן תליתאי".

וואס אין שנת הקהל איז דא דער הידוש אז מ'קלייבט צוזאמען "את העם האנשים והנשים <u>והטף</u> גו'"[211].

און דאס הויבט זיך אן פון דעם קומענדיקן ר"ח השרי, ראש השנה, ועאכו"כ בחג הסוכות, און דערנאך ווערט עס נמשך על כל השנה כולה,

און די הכנות דערצו הויבן זיך אן איצטער, כנ"ל.

וואס דאס איז נאכמער מדגיש אין דעם י"ב תמוז פון שנה זו, וויפל מ'דארף זיך משתדל זיין אין דעם חינוך פון טף, וואס אויף דערויף האט זיך דער בעל הגאולה מוסר נפש געווען במיוחד - אז עס זאל זיין "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם"[212].

סד. עד"ז דארף מען אויך טאן אין שולל זיין דעם "אויב ומתנקם" וואס קובען מיט טענות אויף דעם וואס מ'איז

- ארוים -

------------

210) ראה ירושלמי ר"ה פ"ג ה"ח ובקה"ע שם. 211) וילך לא, יב. 212) תהלים ח, ג.



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

ארויס [213] קעגן דעם אזוי-גערופענעם "תכנית המשפחה" -

אז ווי קען מען זיך מישן אין חייו הפרט־ים פון אן איש ואשה און זאגן זיי וויפל קינדער צו האבן וכו׳ - ס׳איז דאך היפך הצדק והיושר, היפך פון דער קאנסטיטוציע, און מ׳וויל מאכן א "דיקטאטארשיפ" וכו׳.

האט מען אן ענטפער אויף דערויף פון הנהגת הממשלה פון ארה"ב:

אין דער ממשלה פון ארה"ב איז דא א מחלקה וואס ווערט אנגערופן "פוד ענד דראג אדמיניסטריישאן", וואס זייער תפקיד איז, און אויף דערויף גיט מען אוים א ריבוי געלט און השתדלות און מרץ וכו׳ - צו בוחן זיין מאכלים און רפואות, צי זיי זיינען ראוי מען זאל זיך באנוצן מיט זיי, און צי זיי זיינען ניט קיין סכנה פאר דעם מענטשן וואס באנוצט זיך מיט זיי.

און אויב נאך די אלע בחינות און אויספארשונגען ווייזט זיך ארויס אז דער מאכל אדער די רפואה איז א דבר המזיק - לאזן זיי ניט דעם וואס פאבריקירט דאס ער זאל דאס ארויסגעבן און פארקויפן,

און אויב דאס איז ניט אינגאנצן א דבר המזיק, ד.ה. אז די זאך האט א תועלת, די זאך האט אבער אויך תוצאות צדדיות וואס קענען פועל׳ן אויף דעם מענטשן ניט ווי עס דארף צו זיין - מאכן זיי זיכער אז דער וואס פאבריקירט דאס שרייבט אן אויף א צעטעלע וואס איז אנגעקלעפט אויף דער קעסטל אדער בוטל - אז די זאך האט אזעלכע און אזעלכע תוצאות,

און אויב ס׳איז א ספק צי דאס איז א דבר המזיק - באווארענט מען דאס אויך.

סה. וואס לכאורה איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

יעדער מענטש האט דאך די בחירה און די ברירה צי קויפן דעם מאכל אדער די רפואה, אדער ניט קויפן דאס - איז היתכן אז מען מישט זיך אריין אין זיין פריוואטן לעבן און מ׳זאגט אים וואס ער מעג עסן און מיט וואס ער מעג זיך היילן, און אז דאס איז א דבר המזיק פאר אים וכו׳?!

דער ענין פון א מלוכה און א ממשלה איז - צו שולל

- זיין -

------------

213) בשיחת ש"פ נשא סל"ח ואילך. שיחה לה"קאנווענשאן" דנשי ובנות חב"ד החי׳ - יום א׳ פ׳ שלח, י"ז סיון. שיחת ש"פ שלח, מבה"ח תמוז סע"א-עב.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

זיין דעם עניין פון "איש את רעהו חיים בלעו", דורך דערויף וואס ס'איז דא מורא של מלכות[214], וואס דערפאר מאכט די מדינה חוקים צו באווארענען אז איינער זאל ניט מזיק זיין דעם צווייטן;

דא רעדט מען דאך אבער ניט וועגן איינעם וואס וויל מזיק זיין א צווייטן (בין אדם לחבירו), מ'רעדט דא וועגן חייו הפרטיים פון א מענטשן (בין אדם למקום), וואס ער האט די ברירה צי קויפן דעם דבר המזיק אדער ניט, און אויב ער קויפט דאס איז ער זיך אליין מזיק, ער רירט ניט אן קיין זולת - איז וואס מישט מען זיך אריין אין דעם, און מ'וויל אים ניט לאזן זיך אליין אויסקלייבן וואס ער וויל?!

סו. זעט מען אבער לפועל, אז די ממשלה מישט זיך בפירוש אריין אין חייהם הפרטיים פון די מענטשן, בכדי צו באווארענען אז א מענטש זאל זיך אליין ניט מזיק'ן,

ווארום דער הפקיד פון א ממשלה ווי עס דארף צו זיין איז - צו זארגן פאר אלע אירע בירגער אז זיי זאלן זיך אליין ניט מזיק'ן, און זיי באווארענען פון אלע ענינים וואס קענען אפשר גורם זיין א היזק פאר זיי.

וואס דערפאר לייגט די ממשלה אריין א ריבוי געלט, און א ריבוי השתדלות וכו' צו בוחן זיין אלע מאכלים און רפואות וואס ווערן פאבריקירט - צי זיי זיינען א דבר המזיק פאר דעם מענטשן אדער ניט.

און אויב ס'איז א ספק צי דאס איז א דבר המזיק, אדער אויב פון דעם קומען ארויס תוצאות צדדיות - באווארענט מען דאס אויף א פאפירל אנגעקלעפט אויף דער קעסטל אדער בוטל, אז מ'דארף זיך דערפון היטן.

און אויב ס'איז זיכער אז די זאך איז נאר מזיק דעם מענטשן - לאזט מען ניט אז דער וואס האט דאס פאבריקירט זאל דאס ווייטער פאבריקירן,

ביז אז אויב ער איז ממשיך צו פאבריקירן דאס - זעצט מען אים אריין אין א בית האסורים, און דער עיקר - מ'לאזט אים ניט ממשיך זיין דאס צו פארקויפן.

סז. דערפון איז פארשטאנדיק במכ"ש וק"ו בנדו"ד:

דורך דעם וואס מען "ארדענט" איין דעם לעבן לויט אן אזוי-גערופענער "הכניה המשפחה", און מ'האלט זיך אפ פון

- האבן -

---

214) אבות פ"ג מ"ב.

האבן קינדער - איז נוסף לזה וואס מ׳איז זיך אליין מזיק (כדלקמן) - הרג׳ט מען אוועק דורות און דורי דורות וואס קענען ארויסקומען דערנאך,

ווארום "דמו ודם זרעותיו (לשון רבים) תלויין בו עד סוף העולם", ווי די משנה זאגט אין סנהדרין[215], ד.ה. אז אין אים זיינען נכלל אלע קינדער וואס קענען פון אים ארויס-קומען עד סוף כל הדורות, און בשעת ער האלט זיך אפ פון האבן קינדער הרג׳ט ער אוועק די אלע קינדער ברוחניות!

דאס איז טאקע ניט קיין רציחה ע"פ הלכה - אבער דאס איז רציחה ברוחניות.

ונוסף לזה - איז דער אזוי-גערופענער "תכנית המשפחה" מזיק דעם מענטשן אליין, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות: דאס איז מזיק דעם יחס צווישן דעם מאן מיט זיין פרוי, דאס איז מזיק זייערע עצבים,

און ווי רופאי עצבים, און די וואס טוען אין געבן עצות בחיי איש ואשתו, זאגן, אז דורך דעם וואס מ׳איז זיך מגביל לויט א "תכנית המשפחה" - איז דאס מזיק די עצבים פון דעם איש און פון דער אשה, און דאס איז מזיק דעם יחס ביניהם וכו׳.

סח. וואס וויבאלד אז דער ענין פון "הכנית המשפחה" איז אזא דבר המזיק צו דעם מענטשן אליין, און צו די דורות הבאים - ליגט א חוב גמור אויף דער ממשלה פון דער מדינה צו זארגן אז מ׳זאל זיך אליין ניט מזיק זיין, ווי די ממשלה טוט דאס אין אלע ענינים, כנ"ל.

און ניט ווי די וואס לעבן בטעות גמור (מצד כבוד אדער מצד ממון וכיו"ב), וואס זיי מאכן א שטורעם און אסיפות, און מ׳קלייבט זיך צוזאמען און מ׳שרייט, אז ע"פ צדק ויושר טאר מען זיך ניט מישן אין חייהם הפרטיים פון איש ואשתו, און זיי זיינען די וואס באזארגן די קאנסטיטוציע פאר כל אחד ואחת - אז קיינער זאל ניט אנרירן חייהם הפרטיים, און זאגן זיי וויפל קינדער צו האבן.

און מ׳גיט זיי מעדאלן, און מ׳קלאפט זיי אויף דער פלייצע - אז זיי זיינען די וואס האבן געטאן אזוי פיל פאר דער קאנסטיטוציע, און פאר מענטשהייט בכלל וכו׳ וכו׳.

וואס דאס איז א טעות גמור - ווארום בשעת עס רעדט זיך וועגן א דבר המזיק צו אנשי המדינה - איז דער תפקיד פון

- בממשלה -

215) לז, א.

ממשלת המדינה (אויב דאס איז א ממשלה ווי עס דארף צו זיין) צו זארגן אז קיינע פון אירע בירגער זאל זיך אליין ניט מזיק זיין, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער טענה ווי מישט מען זיך אין חייו הפרטיים.

סט. ווי מ׳זעט עס במוחש:

בשעת איינער קריכט ארויף אויף א בריק און וויל זיך פון דארטן אראפווארפן אין וואסער פון טייך – מאבאליזירט מען א סאך פון די משטרה, און מ׳קומט מיט שיפעלעך, און מיט הויך-הילכער׳ס און מ׳גיט אוים גרויסע געלטער, בכדי צו אפהאלטן יענעם פון אריינווארפן זיך אין טייך.

און אע"פ וואס יענער טענה׳ט אז דאס איז חייו הפרטיים שלו, און כל זמן ער איז ניט מזיק קיין זולת קען ער טאן וואס ער וויל מיט זיין לעבן, איז וואס מישט מען זיך –

זעט מען אבער אז אויב דאס איז נאר א נארמאלע ממשלה און א נארמאלע פאליציי – לאזט מען אים בשום אופן ניט אראפ-ווארפן זיך פון בריק און זיך אליין מזיק זיין.

ביז אז אפילו אויב ער איז א מענטש וואס איז 119 יאר מיט 364 טעג אלט – לאזט מען אים אויך ניט אראפווארפן זיך פון בריק.

און דאס איז א דבר המפורסם לכל – מ׳זעט כסדר אין די צייטונגען וועגן אזעלכע פאסירונגען, און ווי מ׳טוט אלץ ניט צוצולאזן אז יענער זאל זיך מזיק זיין.

און דערנאך גיט מען מעדאלן צו דער משטרה וואס האט געראטעוועט דעם מענטשן.

ע. עד"ז בעניננו:

דורך דערויף וואס מ׳איז מונע דעם טבע הרגיל פון לידה, און דעם טבע הרגיל אין דעם יחס צווישן איש ואשתו – ווערט א היזק פאר דעם מאן און פאר זיין פרוי.

און ווי דערמאנט פריער, אז מ׳דארף נאר גיין און פרעגן בא דאקטוירים אין די ענינים פארבונדן מיט עצבים, און פארבונדן מיט דעם יחס בין איש לאשהו – וועלן זיי זאגן אז די עצבים פון דעם איש ואשתו ווערן געשעדיקט דורך דעם אופן ההנהגה פון "הכנית המשפחה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק צו יעדן נארמאלן מענטש, אז מ׳דארף שולל זיין לגמרי אזא אופן ההנהגה,

וכמובן בפשטות אז קיינע עלטערן ווילן ניט אז מ׳זאל שיקן זייערע קינדער אין א משוגעים-הויז, און זיי וועלן

– טאן –

טאן אלץ מעגליך ניט צוצולאזן אז מ׳זאל דארפן טאן אזא זאך -

איז דאך עד"ז בעניננו: וויבאלד דער ענין פון "תכנית המשפחה" שעדיקט א מענטשן בעצבים שלו - וועלן עלטערן זיכער אפהיטן אז זייערע קינדער זאלן זיך ניט פירן אזוי.

און וויבאלד אז דאס איז נוגע צו דער בריאות פון יעדן יחיד - דערפאר איז א חוב אויף די ממשלה פון דער מדינה צו טאן אלץ בכחם ניט צוצולאזן אז מ׳זאל זיך מזיק זיין.

עא. ולא כדעת הטועים וואס גייען ארום און שרייען אז אדרבה - ס׳איז א גוטע זאך צו מסדר זיין דעם לעבן לויט א תכנית, און דאס וועט צוגעבן אין דעם לעבן פון דעם איש ואשתו וכו׳.

און מ׳מאכט אסיפות און זיצונגען, און עס שטעלט זיך אוועק רעדן אזא וואס האט אזא און אזא "דיפלאמא", מיט א "דיגרי", מיט א "טיטול" - און ווייזט אן ווי מ׳דארף איינארדענען דעם לעבן, און דורך דערויף מוסיף זיין אין דער זעלבסט-צופרידנקייט וכו׳.

און דערנאך גיט מען אים א מעדאל פאר זיינע אויפטועונגען פאר מענטשהייט און פאר דער גאנצער וועלט.

ונוסף לזה שרייט מען אויך לאידך גיסא - אז אויב מען מישט זיך אריין אין חייהם הפרטיים פון אן איש ואשה, און מ׳זאגט זיי אז מ׳דארף האבן א סאך קינדער - רירט מען דורך דערויף אן די קאנסטיטוציע מיט דעם "חופש" פון דעם איש ואשתו, כנ"ל.

דארף מען וויסן אז פון די מענטשן וואס טענה׳ן אזוי דארף מען זיך ספעציעל היטן, ווי ינאי המלך האט געזאגט צו זיין טאכטער[216] "אל תתייראי מן הפרושין . אלא מן הצבועין שדומין לפרושין שמעשיהם כמעשה זמרי ומבקשין שכר כפנחס" -

ווארום כאמור, וואס זיי טענה׳ן איז א טעות גמור און א טעות מעיקרא, און די מציאות איז פונקט פארקערט ווי זיי טענה׳ן:

אז מ׳וועט גיין צו דאקטוירים אין די ענינים, און מ׳וועט בא זיי פרעגן וואס איז די תוצאה פון מונע זיין דעם טבע הרגיל פון לידה און פון חיי המשפחה - וועלן זיי זאגן, ע"פ די אלע פאלן וואס זיי האבן געהאט צוטאן מיט זיי, אז אין רוב פון די פאלן רירט דאס אן און איז מזיק די עצבים פון דער איש ואשה.

- עב. -

---

216) סוטה כב, ב.

עב. און מ'דארף זיך אפילו ניט צופיל משתדל זיין צו דאס אויסגעפינען - ווארום דאס ליגט בא די דאקטוירים מן המוכן, אין זייערע רשימות פון די אלע פאלן וואס זיי האבן געהאט צוטאן מיט זיי,

מ'דארף נאר צוזאמענקלייבן די ציפערן און די פראצענטן פון מענטשן וואס זיי האט דאס געשאדט.

און טאן דאס ע"פ חוק המדינה, וואס דאס איז - אז מ'קלייבט צוזאמען נאר די ציפערן פון מענטשן, אָן זייערע נעמען, ועד"ז ניט דערמאנען די נעמען פון די דאקטוירים.

ס'איז מערניט וואס דער וואס טוט דאס, דארף זיין איינער וואס זוכט דעם אמת - וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז ער וועט זעהן אז די רעזולטאטן זיינען ווי גערעדט פריער, אז דאס דירט אן די עצבים פון רוב מענטשן.

און דערנאך זאל ער מפרסם זיין די רעזולטאטן פון זיין אויספארשונג, און מ'וועט אים געבן א מעדאל פאר זיינע אויפטועונגען אין טאקע ארויסהעלפן מענטשהייט (ע"ד ווי מ'גיט א מעדאל פאר דעם צד שכנגד, כנ"ל).

ביז אז די רעזולטאטן וועלן אנקומען צו יעדער איינעם, אז מ'זאל קענען זעהן בעיני בשר אז דער ענין פון "תכנית המשפחה" שעדיקט א מענטשן,

ביז אז אויך די וואס האבן פריער געשריען אז דאס העלפט א מענטשן - וועלן ארויסקומען און זאגן "דברים שאמרתי לכם טעות הן בידי"[217] און זיי וועלן אויך ארויס- קומען קעגן דעם ענין פון "תכנית המשפחה".

וואס דאס דארף מען אויך האבן אז זיי זאלן מודה זיין - בכדי צו געבן מער הוקף אין דעם ענין, ובפרט בא די וואס האבן זיך פריער צוגעהערט צו זיי.

עג. כל האמור לעיל איז ניט ע"פ הורה דוקא; א איד דארף טאקע לעבן ע"פ ההורה ומצוותי', און האמור לעיל איז אויך אין איינשטימונג מיט דרך ההורה ומצוותי' - אז מ'דארף זיך ניט ארייננמישן און מונע זיין דעם דרך הטבע הרגיל פון לידה וואס דער אויבערשטער האט איינגעשטעלט -

אבער צוזאמען דערמיט איז דאס אויך אן ענין וואס מ'קען דאס געבן צו פארשטיין אפילו א גוי.

און מ'דארף זיי דאס טאקע געבן צו פארשטיין, בכדי צו - פועל'ן -

-----

217) ל' חז"ל - שבת סג, ב. וש"נ.

פועל'ן אויף זיי אז אויך זיי זאלן ניט טאן ענינים המונעים הלידה וכו' -

ווארום ס'איז א מצוה אויף א איד צו פועל'ן אויף בני נח אז זיי זאלן מקיים זיין זייערע ז' מצוות, ווי דער רמב"ם [218] פסק'נט (לדוגמא - די מצוה פון אבר מן החי), און אז זיי זאלן זיי מקיים זיין דערפאר וואס "צוה בהן הקב"ה בתורה והודיענו ע"י משה רבינו שבני נח מקודם נצטוו בהן",

ועד"ז בנוגע לענין זה, וואס אין אים איז דא דער ענין פון רציחה, "שופך דם האדם באדם"[219], ובפרט אז דאס איז אויך אן ענין כללי ביי א גוי, ווארום אויך א גוי איז מחוייב אין ישוב העולם - "לא תהו בראה לשבת יצרה"[220],

במילא דארף מען אויך אויף זיי פועל'ן אז זיי זאלן האבן קינדער, און לעבן א נארמאלן פאמיליע לעבן, זיך ניט אריינמישן און מונע זיין דרך הטבע בזה.

וואס בכדי אז מ'זאל אויף זיי פועל'ן - מוז מען זיי פריער מסביר זיין דעם ענין אין דעם, וואס אויף דערויף קומט די הסברה וואס מ'האט פריער גערעדט, וואס איז אויך שייך אז גוים זאלן דאס פארשטיין.

עד. און מ'דארף טאן אין דעם - סיי בנוגע צו אידן און סיי בנוגע צו גוים - ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע מניעות ועיכובים, און מיט קיינע שוועריקייטן, וואס דער וועט זאגן און וואס יענער וועט זאגן.

און אפילו אז "הם רצים". עס זיינען דא אזוינע וואס לויפן און שטורעמען אז מ'דארף זיך פירן לויט א "תכנית" אין משפחה-לעבן, און בשעת מ'קומט ארויס קעגן דעם ענין פון "תכנית המשפחה", שרייען זיי אז מ'טאר זיך ניט מישן אין חייהם הפרטיים פון איש ואשתו, כנ"ל -

דארף מען דערפון ניט נתפעל ווערן, און עס דארף זיין "אנו רצים" צו טאן מיט א שטורעם קעגן דעם ענין פון "תכנית המשפחה",

און טאן אין דעם בנוגע צו אידן ועד"ז - זיין אן "אור לגוים"[221], וואס דאס איז אויך דער תפקיד פון א אידן - פועל'ן אויך אויף גוים אין דעם ענין, כנ"ל.

- עה. -

---

218) הל' מלכים פ"ח ה"י. 219) נח ט, ו. וראה יבמות סג, סע"ב. פרש"י עה"פ שם, ז. 220) ישעי' מה, יח. וראה תוד"ה לא תוהו - גיטין מא, ב (בתירוץ הב'). יבמות סב, א. וראה לקו"ש ח"ה ע' 159 הע' 63. 221) ראה ישעי' מב, ו.



הנחה הת' בלתי מוגה

עה. אין דערויף האט מען אויך דעם לימוד פון י"ב-י"ג תמוז:

עס האט זיך אוועקגעשטעלט איין איד קעגן א מלוכה אדירה, און ער איז פון קיין זאך ניט נתפעל געווארן, און ער האט מכריז געווען[222], אז די נשמה איז קיינמאל אין גלות ניט געגאנגען, ובמילא איז אוממעגליך אז מ'זאל עפעס אנרירן אין דעם, און דערפאר וועט מען זיך ניט בייגן אויף קיין ענין וואס רירט אן אידישקייט!

און אפילו ווען אנדערע האבן געזאגט שקרים - איז ער דערפון ניט נתפעל געווארן, ווארום ער איז געגאנגען מיט תורה, וואס די איז תורת אמת.

וואס דערפון האט מען דעם לימוד אויך בזמננו, -אויף ניט נתפעל ווערן פון קיין זאך ווען עס קומט צו אן ענין וואס רירט אן אידישקייט, און אויך ניט נהפעל ווערן פון די וואס זאגן שקרים, און לעבן בטעות מיט דעם וואס זיי מיינען אז די וועג צו ברענגען גליק אין לעבן איז דורך "תכנית המשפחה", און מ'טאר זיך ניט מישן אין חייהם הפרטיים פון אנדערע וכו', כנ"ל -

ווארום וויבאלד אז תורת אמת זאגט אז ס'איז ניט אזוי, איז דאס זיכער ניט אזוי, און במילא אז מ'גייט מיט תורת אמת האט מען ניט וואס צו נתפעל ווערן פון די טענות של שקר.

ביז אז אפילו קרח, וואס ער האט זיך געקריגט אויף משה אמת ותורתו אמת - זעט מען א דבר פלא אז ער האט אויך גערעדט נאר מיט א האלבן מויל:

קרח האט זיך דאך געקריגט קעגן משה'ן, און אעפ"כ זעט מען אז אלץ וואס משה האט אים געזאגט צו טאן - האט ער געפאלגט און געטאן: משה האט אים געזאגט "בוקר ויודע ה' גו' זאת עשו וגו'"[223], האט ער געפאלגט און דאס געטאן, ועד"ז אלע פרטים וואס משה האט אים געזאגט האט ער געטאן!

וואס דערפון זעט מען אז ווען עס קומט צו תורת אמת, איז אפילו איינער וואס קדיגט זיך אויף דערויף - קריגט ער זיך ניט מיטן גאנצן תוקף, ווארום דאס איז תורה אמת,

ובמילא אז מ'גייט מיט תורת אמת - האט מען ניט פון וואס צו נהפעל ווערן

וואס דאס זיינען פון די דברים טובים וואס מ'דארף אפלערנען פון מעשה קרח.

ואע"פ אז עס שטייט "ולא יהי' כקרח וכעדתו" - איז

- אבער -

------------

222) לקו"ד כרך ד הרצב, א. 223) פרשהנו טז, ו.



הנחה הת' בלתי מוגה

אבער נאך דערויף וואס ס׳איז דא דער "קליפתו זדק" - זיינען זיכער דא אויך דברים טובים וואס מ׳קען זיך אהלערנ־ן פון מעשה קרח.

ואדרבה: ס׳איז דאך ירידה צורך עלי׳, און "יתרון האור מן החושך ויתרון החכמה מן הסכלות" - איז אויך אין דעם וואס מ׳זאגט אז "ולא יהי׳ כקרח וכעדתו" דא ניט נאר דער ענין השלילי שבזה, אז מ׳דארף זיך ניט לערנען פון קרח - נאר אויך דער ענין החיובי שבזה:

ע"ד ווי מ׳זאגט בנוגע צו דוד המלך, אז "לא דוד ראוי לאותו מעשה", דאס איז נאר געווען בכדי צו מקים זיין "עולה של תשובה" - עד"ז איז אויך בנוגע צו קרח - "ולא יהי׳ כקרח וכעדתו": קרח אליין באווארענט אז מ׳זאל זיך ניט אויפפירן ווי ער האט זיך אויפגעפירט,

ד.ה. אז אויב עס וואלט ניט געווען מעשה קרח - וואלט געקענט זיין א מציאות אז א איד זאל זיך פירן ווי קרח האט זיך געפירט; אבער נאך דערויף וואס עס האט געטראפן מעשה קרח, איז דאס שולל און דאס באווארענט אלע אידן פון אזא זאך.

עו. ועד"ז בנוגע לענייננו:

מ׳דארף ניט נתפעל ווערן פון קיינע מניעות ועיכובים, און גיין פועל׳ן סיי אויף אידן און סיי אויף להבדיל גוים בנוגע צו שלילת הענין פון "תכנית המשפחה".

און מ׳דארף זיי מסביר זיין אז אזוי זאגט תורת אמת, אז מ׳דארף לעבן א נארמאלן לעבן, און ניט מישן זיך אין די חשבונות פון דעם אויבערשטן, און ח"ו מונע זיין די ברכה און די מתנה פון דעם אויבערשטן - צי מ׳זאל האבן א סאך קינדער אדער ווייניק קינדער, צי מ׳זאל האבן זכרים אדער נקבות וכו׳.

און אויב מ׳וועט זיי נאר מסביר זיין אז תורה זאגט אז דאס איז א נארמאלער לעבן, און אז דאס איז צדק ויושר, און זיי מסביר זיין דאס בטוב טעם - וועט מען זיכער פועל׳ן אויף זיי,

ווארום היינט איז ניטא די מציאות פון אפיקורסים, ס׳איז נאר דא עמי הארצים, וואס זיי ווייסן ניט וואס תורה זאגט, און זיי מיינען אז תורה איז היפך הצדק והיושר, און אז תורה זאגט צו לעבן היפך פון א נארמאלן לעבן (וע"ד ווי זיי מיינען בנוגע צו טהרת המשפחה) -

דערפאר, אז מ׳וועט זיי מסביר זיין אז ס׳איז פונקט פארקערט, אז דוקא ע"פ תורה האט מען צדק ויושר, און אז

- דוקא -

דוקא ע"פ תורה קען מען לעבן א נארמאלן לעבן, מיט די אלע ביאורים בזה - וועט מען זיכער פועל'ן אויף זיי.

עז. ובעניננו: מען דארף זיי מסביר זיין, אז תורה זאגט אז מ'דארף לעבן א נארמאלן לעבן, וואס דאס מיינט אז נאך דעם וואס אן איש ואשה האבן חתונה דארפן זיי האבן קינדער.

ולא כדעת אלו אז פריער דארף מען האבן א מיליאן דאלאר אין באנק, און ערשט דערנאך קען מען האבן א קינד וואס מ'וועט אים קענען אויפהאדעווען און ערציען כדבעי!

איי וועט האט איט מיט איר ערצויגן אלע יארן, און דערנאך געפירט זיי צו דער חופה וכו'?

וואס יעדער איינער פארשטייט דאך אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", נאר דער אויבערשטער איז דער וואס גיט געלט און אלע ענינים בשעת מ'דארף דאס האבן - במילא איז פונקט ווי ער האט געגעבן זייערע עלטערן אלע ענינים בכדי צו קענען ערציען זייערע קינדער, וועט ער זיכער געבן אויך דעם מאן און פרוי אלע ענינים בכדי זיי זאלן קענען ערציען זייערע קינדער.

און אפילו אויב איינער האלט ניט אזוי - פארשטייט דאך יעדער איינער אליין אז אויב מ'וועט אים זאגן אז אן אכצען יאריקער איינגל מיט אן אכצן יאריקע מיידל האבן חתונה געהאט מיט זייערע אייגענע געלט און זייער אייגענע הארעוואניע - וועט ער זיך אויסלאכן, ווארום ס'איז ניט במציאות,

נאר ס'איז א זיכערע זאך אז זיי האבן געהאט עלטערן אדער ידידים וואס האבן זיי געפירט צו דער חופה, און אפגעצאלט די אלע הוצאות וכו'.

וואס אויך לפ"ז קומט אויס אז ווען אן איש ואשה האבן חתונה, זיינען זיי ניט אין א מצב וואס זיי קענען זאגן "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה" - נאר ס'איז כחם ועוצם ידם פון זייערע עלטערן, וואס בפנימיות איז דאס "לי הכסף ולי הזהב".

וואס דערפאר דארף מען ניט מאכן קיינע חשבונות, אז פריער דארף מען האבן א מיליאן דאלאר אין באנק, און ערשט דעמולט קען מען האבן קינדער - ווארום ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", און דער וואס דארף זארגן פאר די געלט צו ערציען די קינדער וועט דאס שוין מסדר זיין.

עח. א[illegible]יף איבער'חזר'ן נאכאמאל די נקודה,

[illegible]אס באמה קען מען רעדן וועגן דעם באריכות גדולה יותר, [illegible]ון עס ווערט ניט אויסגעשעפט - ווארום תורה איז

- "ארוכה -

"ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[224] - אבער מ'דערמאנט דא נאר עטליכע נקודות בדבר:

מען דארף וויסן אז ס'איז א היזק פאר זיך און א היזק פאר אלע מענטשן בשעת מ'איז מונע לידה און מען מישט זיך אין דרכי ה', וואס "לא תהו בראה לשבת יצרה" - אז עס זאל זיין "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה"[225], אז מ'זאל זיך מערן און אנפילן די וועלט און איר איינעמען.

און דערפאר דארף מען זיך משתדל זיין אין דעם סיי בנוגע צו אידן און סיי בנוגע צו גוים להבדיל.

ביז אז מ'דארף אויך פועל'ן אז די ממשלה פון דער מדינה אליין זאל דאס באווארענען, ווארום דאס איז איר תפקיד צו אפהיטן אירע בירגער פון היזק.

וואס דאס קען מען זיכער פועל'ן אויף דער ממשלה - אויב מ'וועט נאר צוגיין מיט א נארמאלן צוגאנג צו די פון "קאנגרעס" אדער פון "סענאט",

וואס זיי זיינען דאך נארמאלע מענטשן, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון גופא וואס זיי האט מען בוחר געווען, וואס בכדי אז מ'זאל זיי בוחר זיין האבן זיי געדארפט טאן געוויסע ענינים,

און מ'וועט מיט זיי רעדן אין א נארמאלן אופן, און מ'דארף ניט זיין קיין מגזם צי א דרשן אדער א גרויסער רעדנער, נאר רעדן מיט זיי פשוט'ע ווערטער, און מסביר זיין זיי מיט א נארמאלן הסבר וואס דער ענין בזה איז,

און וויבאלד אז ער איז א נארמאלער וועט ער אליין פארשטיין וואס מ'מיינט,

און דעמולט איז א זיכערע זאך אז עס וועלן דערפון ארויסקומען נארמאלע תוצאות.

און יעדער איינער וואס קען אין דערויף טאן - <u>דארף</u> אין דערויף טאן, וביתר שאת וביתר עוז, און אין אן אופן דמוסיף והולך ואור.

וכמדובר אמאל[226] ע"ד הצחות, אז בלשון העולם זאגט מען בנוגע צו בחירות (וואס שנה זו איז א שנה של בחירות) - אז דער און דער "איז ראנינג", ועד"ז זאגט מען אויף אידיש, "ער לויפט" - ניט א לשון אז מ'קלייבט אים אויס, אדער אז ער גייט, נאר דוקא דעם לשון "ער לויפט".

- וואס -

------------

224) איוב יא, ט. 225) בראשית א, כח. ודאה פרש"י עה"פ שם, כב. 226) י"א ניסן השל"ו שיחה ג.

וואס עס דארף דאך זיין "אזלת לקדתא הלך בנימוסי׳"[227] – האט מען דערפון די הוראה אין עבודת ה׳ – אז עס דארף זיין "אנו רצים" לביהכ"נ ולביהמ"ד צו לערנען תורה, און פון דארטן ברענגען דאס לכל העולם כולו, אין אן אופן אז א איד איז "אור לגוים", און ער רעדט מיט זיי ווי אזוי מ׳דארף זיך פירן.

עס. ויה"ר אז מ׳זאל טאן אין דעם בכל התוקף, און מתוך שמחה וטוב לבב.

ועד"ז טאן אין אלע ענינים פון תומ"צ, ובפרט אין די מבצעים, "מבצע חינוך", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים – יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה",

און דער מבצע צו מבטל זיין "מיהו יהודי", און דער מבצע אז מ׳זאל ניט צולאזן אנדירן עפעס–וואס אין "שלימות הארץ", "ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[228],

ועד"ז – זאל זיין "שלימות התורה" – מ׳זאל ניט אנדירן בשלימותה ח"ו,

ועד"ז – זאל זיין "שלימות העם", מ׳זאל ניט אנדירן בשלימותם פון אידן, וואס "הנוגע בכם נוגע בבבת עינו", ווי עס שטייט אין זכרי׳[229] [ולא כדעת הטועים וואס מיינען אז דאס איז א מאמר רז"ל[230]].

און דעמולט האט מען דעם שלימות המשולש – "שלימות הארץ", "שלימות העם" און "שלימות התורה",

און מ׳האט אויך די שלימות פון דעם אויבערשטן, "באור פני מלך חיים"[231].

ביז אז מ׳קומט צו דעם מצב ווי עס רעדט זיך אין דער סיום פון היינטיקער הפטורה[232], "והביאו את כל אחיכם מכל הגוים מנחה לה׳ גו׳ כאשר יביאו בני ישראל את המנחה בכלי טהור בית ה׳"[233],

ביז צו "כי כאשר השמים החדשים והארץ החדשה אשר אני עושה עומדים לפני נאום ה׳ כן יעמוד זרעכם ושמכם"[234], נצח סלה ועד.

– אח"כ –

---

227) שמו"ר פמ"ז, ה. 228) עקב יא, יב. 229) ב, יב. 230) גיטין נז, דע"א. 231) משלי טז, טו. 232) הפטרת שבת ר"ח. 233) ישעי׳ סו, כ. 234) שם, כב.

אח"כ אמר: מסתמא וועלן דאך זיין אסיפות וכינוסים אין די קומענדיקע טעג - ווען מען דארטן זיכער אויך רעדן וועגן די ענינים האמורים לעיל.

עס זיינען דאך דא די וואס טוען אין חינוך פון קטנים וקטנות אין ארץ ישראל - זאלן זיי נעמען פון די מזונות און יין פון דאנעט.

און וויבאלד אז זיי דארפן דאך האבן א סאך געלט, און אויך א סאך קטנים וקטנות - זאלן זיי מצליח זיין אין דעם.

און דאס זאל אויך פועל'ן אויף דער עסקנות בכלל מיט קטנים וקטנות און גדולים וגדולות, און אויך פועל'ן אויף די וואס טוען אין דעם אין חוץ לארץ,

און אלע צוזאמען - גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

--- * ---

בס"ד. שיחה להמסיימות ד"בית רבקה" ולהמדריכות דמחנה "אמונה" ו"פרדס חנה" תחל׳ - יום ה׳ פ׳ חוקת, ה׳ תמוז ה׳תש"ם.

**הנחה פרטית בלתי מוגה**

**א.** מ׳האט זיך דאך צוזאמענגעקליבן אין צוזאמענהאנג וואס דאס איז דער סיום (דער אפשלוס) פון זמן הלימודים, פון דער צייט אין יאר וואס דעמאלט גייט מען אין בית הספר אויף צו לערנען אידישקייט, דורך דערויף וואס מ׳לערנט תורה, כולל אויכעט (איינגעשלאסן אויכעט) ווי אזוי צו מקיים זיין אירע מצוות וואס דאס איז דאך א **עיקר** אין לערנען תורה.

און אויכעט ווי אזוי צו מקיים זיין **מנהגי** ישראל, וואס א אידישער מנהג איז דאך אויכעט תורה היא.

און צו מיטנעמען דאס (דורך דעם לערנען וועגען דערויף אין בית הספר) אויף דעם גאנצן יאר, און זיכער אין די טעג וואס קומען גלייך נאכן אפשלוס פון זמן הלימודים,

אע"פ וואס זיי ווערן אנגערופן "ימי החופש" - די פרייע צייט, "וואקיישן צייט", איז דאך ווי זעלבסטפארשטענדליך דאס איז נאר "פריי" פון א איינשטעלונג פון גיין יעדער טאג אין בית הספר און ענליכע סדרים, דאס איז אבער ניט ח"ו א באפרייטקייט אדער אפילו אפשוואכונג פון אידישקייט, פון תורה און אירע מצוות וואס זיי ווערן דאך אנגערופן "חיינו" - אז דאס איז אונזער לעבן, יעדער אידן און אלע אידן, און אלס א פאלק פון אידן, איז דאך אין לעבן ניט שייך זאגן אן "איבעררייס" ח"ו, עאכו"כ ניט שייכות זאגן א "באפרייאונג".

פארקערט - יעדער מענטש ווען עס קומט עם צו נאך א רגע אין לעבן, שטרעבט ער און טוט אלץ וואס הייננגט אפ אין עם אז זיין לעבן זאל ווערן לעבעדיקער און שטארקער און ליכטיקער, און בנוגע צו אידן - מערער אידישער, דורך דערויף וואס ער פארבינדט זיך נאך מערער מיט תורה, וואס תורה איז דאך פון אפטייטש הוראה - אנווייזונג.

אז ער נעמט אן די אנווייזונגען פון דער תורה אין יעדן טאג פון זיין טאג-טעגליכן לעבן, אן קיין אונטערשייד וועלכן טאג אין יאר דאס איז, און אדרבה: מיט יעדער טאג ווערט ער מערער דורכגענומען און באלעבט מיט תורה און דער אינהאלט פון דער תורה.

והמעשה הוא העיקר: אויף דורכפירן דאס בפועל, אויף אזוי פירן זיך במעשה בפועל.

און אט דאס וואס דאס ווערט אנגערופן אז דאס איז א "סיום" און א "אפשלוס" - איז דאס מערנינט וואס דאס ווערט אפגעשלאסן איין שלב, איין שטופע, אין דעם לערנען אדער אין דער אויפפירונג, און דעמאלט הויבט זיך אן א העכערע שטופע, "להעלות בקודש" - מוסיף זיין (צוגעבן) אין אידישקייט אין אלע אירע פרטים.

פונקט ווי מ׳דארף צוגעבן אין טאג-טעגליכן לעבן, איז דאך דאס אבער א צוגאב מיט אן ערך, ביסלעכווייס [illegible] ט נאך שריט, אז מ׳גייט איבער פון איין שלב צו א צווייטן פון איין שטופע צו א צווייטע, איז אט דעמאלט ווערט דער צוגאב אסאך א גרעסערער סיי בכמות און סיי באיכות.

אזוי אויכעט בשעת ס׳ווערט אפגעשלאסן דער זמן הלימודים בבית הספר, איז דאס וואס מ׳ווערט באפרייט וואס מ׳האט "וואקיישן" פון די מנהגים און פון די סדרים

פון בית הספר, איז בנוגע צו א אידן איז דאס כדי ער זאל זיך אויפהויבן צו א העכערע שטופע און אנפילן די באפרייטע צייט מיט נאך א מער אידישער און א מער לעבעדיקער און א מער ליכטיקער אידישקייט אין טאג-טעגליכן לעבן, יעדערער לויט זיינע מעגליכקייטן.

ווען ס'רעדט זיך נאך וועגן אט די, וואס זיי שליסן אפ דעם זמן לימודים אין א ענין וואס איז פארבונדן מיט חינוך (מיט ערציאונג), איז ביי זיי נאך מער ווּיכטיקייט דעם אפטייטש און דעם אויספירן בפועל, אז זיי האבן "גראדואירט" - פארענדיקט די שטופע כדי אויסנוצן די כשרונות אויף אויפהויבן זיך צו נאך א העכערע שטופע אין חינוך, אין לערנען ווי אזוי צו ערציען, און דערנאך דאס ממלא זיין אויכעט בפועל.

און ווי געערעדט פילע מאל, אז די גרויסקייט פון ערציאונג באשטייט אין פילע זאכן, און דער עיקר אין דערויף אז בשעת מ'טוט כמה מצוות, אפילו ווי די מצות צדקה וואס דאס איז דאך שקולה כנגד כל המצוות - איינע פון די גרעסטע מצוות, איז דאס וואס מ'זעט די פעולה פון דער צדקה, זעט מען דאס בשעת מעשה אז ער העלפט ארויס אן ארימאן, אז דורך דערויף וואס ער גיט עם צדקה זאל ער האבן אויף זיינע באדערפענישן וויפל ער קען זיך אנקויפן און איינשאפן דורך דער סכום וואס ער גיט עם בצדקה.

דער אויפטו פון חינוך איז:

בשעת מ'ערציט א קינד, און דורך דערויף קומט בא עם צו אין זיין מענטשליכקייט און אין זיין אידישקייט און אין זיין באגייסטערונג און ליכטיקייט פון תורה ומצוותי', איז דאס א זאך וואס ניט נאר דאס טוט אויף בשעת מעשה, אז בא אים איז צוגעקומען נאך א ענין אין אידישקייט -

נאר בשעת דער קינד און תלמיד און תלמידה וואקסן, וואקסט מיט זיי אויך צוזאמען אט דער קערנדל פון חינוך וואס מ'האט אין עם איינגעזייט, און אט דער קערנדל בריינגט דערנאך פירות און פירי פירות, ס'וואקסן אויס דערפון פארבעסערונגען און גרעסערע מעלות אין דעם קינד וואס מ'האט מחנך געווען און דורך דערויף עם צוגעגעבן נאך מער חיות אין אידישקייט, באלעבט דאס עם אויף דעם משך פון זיין גאנצן לעבן, אז דערנאך איז "גם כי יזקין" - אז דער תלמיד אדער די תלמידה וואקסן אויס, און ווערן דערנאך שוין ערוואקסענע, צי זיי זיינען מחנכים אדער אין אן אנדער אפטיילונג פון אידישקייט, ווירקט דאס אויף זייער גאנצער לעבן אט דער איין און איינציקן קערנדל וואס מ'האט עם צוגעגעבן און מוסיף געווען, .

עאכו"כ - ווער רעדט נאך אז מ'גיט אים צו אסאך זאכן, איז יעדער קערנדל באזונדער, און יעדער פרט באזונדער, און דערנאך זיי אלע צוזאמען, מאכן פון אים אויף א נייעם בוים וואס גיט פירות, וואס די אלע פירות גיבן פון זיך אויך ארויס פירות.

וואס דאס איז דערמאנט פריער און ווי ערקלערט פילע מאל, איז חינוך איז אזא מין זאך וואס איז עושה פירות ופירי פירות, וזאס אין צוגאב אויף דער איינמאליקע צוגאב וואס מ'גיט צו, דעם תלמיד און די תלמידה, גיט מען זיי אויכעט צו א תוספת (א צוגאב) וואס האלט אין איין געבן פירות ופירי פירות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויב אפילו מ'דארף זיך אנשטרענגען כדי צו געבן נאך מערער און נאך מערער אין די ערציאונג און אין דער חינוך פון די מודרכים און מודרכות, איז אלץ כדאי ווארום דאס טראגט דערנאך פירות עד סוף כל הדורות.

כדי צו וויסן ווי אזוי דאס טאן, און אין וואס דארף באשטיין דער קערנדל - איז דאס איז דאך דער תכלית און די כוונה און די מטרה, דער ציל פון די מוסדות חינוך אין וועלכע איר האט געלערנט און וואס מען האט איצטער אנגעשלאסן דעם שלב, די שטופע, כדי צו קומען צו נאך א העכערע שטופע.

וואס דערפאר דארף מען איצטער אויסנוצן דאס וואס מ'האט געלערנט בעבר כדי צו צוגרייטן זיך אויף אויסנוצן דעם זומער אין דעם פולסטן מאס, און דערנאך אויכעט דער זמן הלימודים וואס וועט קומען נאך די ימי החופש פון דער "רוטין" פון די סדרים אויסנוצן דאס לטובת פון יעדער תלמיד און יעדן תלמידה און זיי אלעמען צוזאמען.

און ס'איז דאך א זיכערע זאך, אז ס'קומט צו א תועלת כמ"פ ככה גאר אין א גרויסער מאס יעדער מורה און יעדער מדריכה און יעדער מחנך און מחנכת, וויבאלד אז זיי זיינען ממלא דעם אויבערשטן'ס שליחות וואס ער איז דער מקור הברכות, אין צוגרייטן זיך און דערנאך דורכפירן בפועל דער חינוך פון די אידישע קינדער וואס אויף יעדערער פון זיי איז געזאגט געווארן "בני בכורי ישראל", "בנים אתם לה' אלקיכם".

און ווי די תורה פון בעש"ט (איבערגעזאגט געווארן מערערע מאל פון נשיא דורנו פון רבי'ן דער שווער), אז יעדער איד עאכו"כ יעדער אידישער קינד איז דאס באם אויבערשטן ווי א בן יחיד מיט די גרעסטע טייערקייט וואס ס'קען זיין פון א בן יחיד וואס ס'ווערט געבארן ביי עלטערע מענטשן לעת זקנתם.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק דער גודל ההצלחה וואס דער אויבערשטער גיט אין די אלע פעולות וואס מ'טוט אין דער ריכטונג וויבאלד אז דאס איז די טובה פון זיינע בנים ובנות יחידות.

און די הצלחה וואס ער גיט אויכעט די אלע מדריכים און מדריכות, און די וואס לערנען זיך ווי אזוי צו זיין מדריכים און מדרכיות און ווי אזוי צו זיין מיט דער צייט אויכעט עקרת הבית, אנפירן מיט א אייגענער הויז, און דארטן מגדל זיין בנים ובנות וואס זיי גייען אין דעם אויבערשטן'ס וועג, און טאן דאס בהצלחה רבה.

ב. ס'איז דאך אויכעס דא אן אפלערנונג פון די ספעציעלע צייט אין יאר, אין וועלכן מ'טרעפט זיך צוזאמען.

וואס דאס איז פארבונדן, (ווי דערמאנט מערערע מאל) מיט דעם אנווייזונג פון דעם אלטן רבי'ן מ'זאל ארויסנעמען א הורה און א אנווייזונג - א הוראה פון דער פרשת השבוע, פון דער סדרה פון דער וואך.

וואס אז מ'זוכט אין היינטיקער סדרה א ענין און אן אנווייזונג וואס איז פארבונדן ספעציעל מיט אידישע טעכטער, איז דאס אן אפענע אנווייזונג.

וואס אין דער סדרה ווערט דערציילט וועגן מרים הנביאה, און ס'ווערט אויך דערציילט אז די וואסער - די בארה של מרים, די אלע פערציק יאר וואס אידן זיינען געווען אין מדבר האבן זיי געהאט וואסער בזכותה של מרים הנביאה.

וויבאלד אז דאס ווערט א טייל פון תורה, וואס תורה היא נצחית - איז אן אייביקע אנווייזונג, איז דערפון פארשטאנדיק אז אין דערויף איז דא אן אנווייזונג פאר יעדער אידן, און נאך איז א פיל בולט'ערער מאס און א מער אפענער אופן פאר אידישע טעכטער:

בשעת מ'קוקט זיך צו וואס הורה דערציילט וועגן מרים'ן, איז דאך אין תורה יעדער ווארט אויסגערעכנט, און אין יעדער ווארט איז דא אן אנווייזונג, איז

דערפון פארשטאנדיק אז דאס וואס תורה האט אויסגעקליבן פון די אלע יארן פון מרים'ס לעבן אויף דערציילן אין תורה - איז דערפון פארשטאנדיק אז דאס זיינען די עיקר'דיקע זאכן אירע, און אין דערויף איז דער עיקר אנווייזונג און אפלערנונג פאר יעדער אידישע טאכטער וואס זי דארף זיך אפלערנען, אז כאטש אפילו מרים איז געווען א נביאה, און זי איז געווען עמרם'ס א טאכטער און יוכבד'ס א טאכטער און משה ואהרן'ס א שוועסטער -

וויבאלד אבער אז דאס ווערט דערציילט יעדער אידישע טאכטער אין איצטיקע צייטן און אין אלע ערטער, איז דערפון פארשטאנדיק אז מעין זה (אן ענליכע דערגרייכונג) קאן אויך געטאן ווערן דורך א אידישע טאכטער בכל מקום ובכל זמן, אין יעדער צייט און אין יעדער ארט, און זי קען דאס אויכעט טאן ווי אויכעט די אנווייזונגען פון מרים'ן - (טאן דאס) בשמחה.

וואס דער ערשטער סיפור (די ערשטע ערציילונג) וואס ווערט דערציילט אין תורה וועגן מרים'ן:

אז זי ווערט אנגערופן בשם "פועה", און רש"י טייטשט דאס אפ אז בשעת מ'האט זיך געפונען אין גלות, און פרעה מלך מצרים - די וואס האבן אנגעפירט דעמאלט מיט די או"ה אין גלות - זיינען געווען ניט אין א גוטע באציאונג צו אידן, במילא האבן זיך אידן געפונען אין א לאגע וואס מ'האט ניט געקענט לעבן לייכט און אנהאלטן די אידישקייט, געדיינקענדיק אז מ'איז פארבונדן מיט אברהם יצחק יעקב און די שבטים.

ביז וואנעט אז ס'איז געווען א גזירה ספעציעל מיוחדת בנוגע צו קינדער,

האט זיך געפונען א אידישע קליינע מיידעלע, געווען אלט אינגאנצן פינף יאר, און זי איז געווען "פועה" - אז זי פלעגט איינשטילן די אידישע קינדער וואס זיינען געבארן געווארן אין גלות, און ווי רש"י טייטשט דאס אפ אז מ'איז מפייס דעם תינוק הבוכה, מען שטילט איין און מ'מאכט צופרידן א אידישן קינד וואס ער האלט אין וויינען.

וואס דאס איז א קלארער אנווייזונג וועגן איער תפקיד און שליחות:

יעדער איד וואס ער געפינט זיך אין גלות, איז פארשטאנדיק אז צי ער וויינט בגלוי (אז מ'זעט אז ער וויינט) אדער ער וויינט ניט בגלוי, איז א זיכערע זאך אז זיין צושטאנד איז "תינוק הבוכה": פארוואס געפינט מען זיך ניט אין דעם מעמד ומצב פון גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, און מ'געפינט זיך נאך אין גלות?!

דער אויבערשטער וויל דאך אבער אז אידן זאלן זיין בשמחה, און מ'זאל עם דינען בשמחה "עבדו את ה' בשמחה" -

קלייבט ער אויס שלוחים, אט די וואס קענען ריידן מיט א אידישן קינד צי א קינד אין יארן אדער א קינד אין ידיעות - און דערציילן עם און דערשלערן עם, אז כאטש אפי' מ'געפינט זיך אין גלות וואס אט דעמאלט קען מען ניט מקריב זיין קרבנות (און אויספירן) און מקיים זיין רוב המצוות - די מערסטע טייל פון די מצוות וואס זיי זיינען פארבונדן מיטן ביהמ"ק, און וואס בקרוב וועט מען קענען מקיים זיין נאך די גאולה האמיתית והשלימה דורך משיח צדקנו.

איז מצד דערויף וואס ער איז אן אמת'ער איד, טוט עם בייבק און טוט עם ביינק מיט אן אמת, ביז וואנעט אז דאס דארף ביי אים ארויסרופן א "בוכה" - "קול ילד בוכה" פארוואס מ'איז נאך אין גלות?!

- שיחה להמסיימות ד"בית רבקה" וכו', ה' תמוז תש"מ -

ביז וואנעט אז יעדער טאג און אין יעדער תפלה איז דאך א טייל פון דער תפלו "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים" סיי שבת און סיי יו"ט און סיי אין ו וואכעדיקן טאג, איז אלעמאל דא אט די תפלה וואס יעדער איד בעט זיך בא דעם אויבערשטן אז ס'זאל שוין קומען די גאולה און מ'וועט ארויס פון גלות,

איז אויך נאך זייעדניק אין גלות צוזאמען מיט די האפענונג אז אט אט קומט די גאולה, איז נאך זייענדיק אין גלות דארף מען בארואיקן א "תינוק הבוכה" - ו אידן, אז ער זאל זיך ניט שרעקן וואס ער איז נאך דערווייילע אין גלות, און זאל זיך ניט מצטער זיין,

און דורך וואס בארואיקט מען אים -

דורך דערויף וואס א אידישע טאכטער איז "פועה" - רעדט זי מיט אים אידישע ווערטער און אידישע זאכן, און גיט אים ערקלערן אין דעם אופן וואס א קינד פארשטייט דאס אויף זיין לשון, אז די גאנצע זאך פון גלות איז כדי דורך דערויף זאל מען דערגרייכן נאך א העכערע שטיפע אין אידישקייט, דארף מען אראפוואשן דעם "מפני חטאינו גלינו מארצנו" - אט דאס וואס האט געבראכט צום גלות,

און דערפאר האלט מען אונז אן איבעריקע רגע אין גלות, כדי צו געבן ו געלגענהייט ליכטיק מאכן דעם גלות, וועט דאס נאך מער צואיילן די גאולה.

און בשעת א איד, און בפרט א אידישער קינד ווייס אז דאס וואס ער איז אין גלות איז דאס מערניט ווי דער גוף זיינער [ווי ס'האט געזאגט דער בעל הגאולה אין זיין בארימטע שיחה ג' תמוז (וואס איז שוין געדרוקט און איבערגערעדט מערער מאל)] אבער די נשמה איז ניט אין גלות -

דארף ער זיין בשמחה מצד זיין נשמה וואס זי איז חלק אלוקה ממעל ממש, און די נשמה דארף געוועלטיקן איבער דעם גוף, אז דער גוף זאל זיך פירן ווי א איד דארף זיך פירן.

נעמט ער דורך דערויף אויכעט ארויס דער גוף פון גלות נאך זייענדיק אין גלות, וויבאלד אז דער גוף איז פארבונדן מיט תורה און מצוות און מנהגי ישראל, וואס מיט זיי פילט ער זיך פריי, ווארום אויף דערויף האט קיינער ניט קיין בעה"ב'שקייט ניט אויף אידן.

וואס דערפאר געפינט מען דאך אויכעט דעם צווייטן סיפור וואס ווערט דערציילט וועגן מרים הנביאה, אז בשעת מ'איז ארויס פון מצרים איז "ותקח מרים הנביאה את התוף בידה" - זי האט אראפגעבראכט שמחה ביז אין א אופן "ומחולות" אז ס'איז געווען צוזאמען מיט א טאנץ ביי אידן, און בפרט ביי "הם הכירוהו תחלה" - די אידישע קינדער וואס זיינען ארויס פון מצרים, און "כל הנשים" זיינען געווען "אחרי'", זי האט באגייסטערט און מיטגענומען מיט זיך יעדער אידישע פרוי און אלע אידישע פרויען אז זיי זאלן צוזאמען מיט איר זינגען און לויבן דעם אויבערשטן "אשירה לה'" פאר דאס וואס ער נעמט ארויס אידן פון גלות.

וואס אע"פ וואס מרים איז דאך ניט פון די ד' אמהות שרה רבקה רחל לאה -

געפינט [illegible] דאך אבער, אז אין דער זאך פון באגייסטערן און מיטציען און מיטנעמען מיט [illegible] יעדער אידישע פרוי און אלע אידישע פרויען, אז זיי זאלן אלע צוזאמען לויבן דעם אויבערשטן, און זיי זאלן אלע צוזאמען זיין בשמחה, און זיכער מיט איינפלוסן זייערע אייגענע קינדער [איינפלאנצן] אויך "לבביך - אלו התלמידים" [illegible] ערע תלמידות אז זיי זאלן אויכעט וואקסן אין א וועג פון לויבן און [illegible] צו דעם [illegible] יבערשטן [illegible] נאך זייענדיק אין גלות,

ווארום דער גלות איז דאס מערניט ווי א צוגרייטונג צו א גרעסער און א העכערע שטופע אין דינען דעם אויבערשטן בשמחה,

און בשעת מ'איז נאך אין גלות אין א מצב פון שמחה, אבער די שמחה איז פארבונדן מיט "אשירה לה' כי גאה גאה" - אז מ'זעט די גרויסקייט פון דעם אויבערשטן אפי' אין וואס פאר א מעמד ומצב (אין וואס פאר א צושטאנד) מ'זאל זיך ניט געפינען איז דאס באגייסטערט דורך דערויף וואס איין אידישע פרוי שטעלט זיך אוועק און שטעלט זיך אוועק מיט דער גאנצער שטארקייט, האט זי בכח אויף מיטנעמען נעמען מיט זיך און איינפלוסן אלע אידישע פרויען און טעכטער וואס ארום איר, ווארום זי פירט דורך דעם אויבערשטן'ס שליחות אז אויך זיי זאלן לויבן דעם אויבערשטן "כי גאה גאה".

און אט דאס ווערט א הכנה און א צוגרייטונג, אז דערנאך גייט מען אין "ארץ טובה ורחבה" צו די גאולה האמיתית והשלימה דורך משיח צדקנו.

ג. אזוי ווי דער גיין נעמט דאך אבער צייט -

איז (ווי דערמאנט פריער) ווערט דערציילט אין היינטיקער סדרה, אז די אלע פערציק יאר זינט מרים האט מיטגעצויגן די אידישע פרויען אז זיי זאלן לויבן דעם אויבערשטן "כי גאה גאה", האבן זיי געהאט וואסער ביז וואנעט מ'איז צוגעקומען "אל עבר הירדן" - אריבערגיין דעם ירדן און ארייננגיין אין א"י.

וואס איז דער אויפטו פון וואסער -

איז דא דער דין אז וואסער מצד עצמה (מצד זיך אליין) ווערט ניט גערעכנט פאר א מאכל, דערפאר קען מען דערמיט ניט מאכן קיין עירוב, דאס איז אבער "אכל ולא שתה" איז דער עסן ניט ווי ס'דארף צו זיין, די אויפגאבע פון וואסער איז אז די טראגט פאנאנדער דער מאכל פון וואס דער גוף שפייזט זיך, איז דער מאכל (געפינט זיך אין) עסט מען דאס בפה (אין מויל) דערנאך דארף דאס פאנאנדער געטראגן ווערן איבער דעם גאנצן קערפער, ווערט דאס פאנאנדערגעטראגן דורך די וואסער וואס געפינט זיך אין דם, דורך די וואסער וואס געפינט זיך אין גוף, ביז וואנעט אז דאס דערגרייכט צו אלע טיילן פון דעם גוף.

וואס דאס איז איינע פון די הויבט אויפגאבן פון יעדער אידישער טאכטער, און ווי גערעדט פריער אז מרים האט מיטגעצויגן אין איר וועג אלע אידישע פרויען וואס זיינען געווען אין איר צייט און איר דור.

און דאס איז אן אפלערנונג אז יעדער אידישער טאכטער דארף אויכעט מיטגעצויגן ווערן מיט דעם רוף פון מרים הנביאה בכל מקום ובכל זמן.

און זי האט די שליחות און אין איר זכות דורך אירע פעולות, טראגט זי פאנאנדער אז ס'זאל מיטגעבראכט ווערן די מים חיים פון אונזער תורה, און דער מזון פון תומ"צ זאל צוקומען און דערגרייכן צו יעדער טייל פון דעם אידישן פאלק ווי ווייט ער זאל ניט זיין מצ"ע לפי שעה פון אידישקייט אדער פון טיפן וויסן פון אידישקייט,

איז בשעת מ'גיט צו די מים חיים, וואס בעיקר קומט דאס בזכותה של מרים - דורך דער חינוך וואס ווערט געגעבן אידישע קינדער, וואס די ערשטע יארן איז דאס אינגאנצן אין דער האנט פון אידישע טעכטער, פון דער מוטער אדער די טאכטער וואס איז דא אין הויז וואס העלפט ארויס איר מוטער, אדער פון די טעכטער און אידישע טעכטער וואס גרייטן זיך צו ווערן מחנכות, אדער זיי גרייטן זיך צו ווערן אן עקרת הבית,



הנחה פרטית בלתי מוגה

איז אין זייער זכות און זייער פעולה איז, פאנאנדער טראגן דורך בארה של מרים מיט דעם כח פון מרים הנביאה די אלע זאכן וואס שפייזן א אידן נאך זייענדיק אין מדבר, נאך זייענדיק אין גלות, און צוגרייטן אים אז ער זאל קומען גאנצערהייט און געזונטערהייט און פריילעכערהייט מיט אלע זיינע ענינים, אין אן "ארץ טובה ורחבה", דורך דערויף וואס מ'איז בשלום דורכגעגאנגען די אלע פערציק יאר פון מדבר.

ד. וואס דאס איז כאמור אויכעט פון די ערציילונגען וואס דערציילט וועגן מרים'ן, און ווי גערעדט אויכעט, די ספעציעלע שליחות וואס איז דא (ווי גערעדט פריער ביי די אסיפה וואס איז געווען פון נשי ובנות חב"ד) איז אויכעט דא נאך אן ערציילונג וועגן מרים:

וואס אע"פ וואס דא איז געווען א זאך וואס זי האט געטאן ניט ווי זי האט געדארפט טאן - איז דאס מערניט דערפאר וואס לויט איר מעלה און לויט איר ידיעה האט זי דאס ניט גדארפט טאן, אבער ווען ס'רעדט זיך אין אן אנדער מעמד ומצב איז די טענה פון מרים'ן איז געווען גאר א שטארקע טענה,

ווארום די טענה אירע איז געווען וויסנדיק **אז דער אידישער פאלק האלט זיך אויף בנים ובנות עוסקות בתורה ומצוות - אויף דערויף אז מ'זאל האבן קינדער אז די זיין און סקסער וואס זיי זיינען זיך עוסק אין תומ"צ,** לעבן א טאג-טעגליכן לעבן לויט דער תורה, און דורך דערויף ווערט דער גאנצער אידישער פאלק שטארקער און לעבעדיקער און מער אידישער.

און דאס היילט צו דער קומען פון משיח צדקנו.

האט זיך מרים פארגעשטעלט, אז בשעת ס'וועט געבארן ווערן נאך א קינד פון א פאטער ווי משה רבינו, און פון א מוטער ווי צפורה, וואס ווי רש"י טייטשט אפ אז זי איז געווען די גרעסטע שיינקייט אין אידישקייט אין תומ"צ, וואס דערפאר ווערט זי אנגערופן "אשה כושית".

איז בשעת ס'וועט צוקומען נאך א קינד פון משה מיט צפורה, האט זי פארשטאנען און האט אויך דורכגערעדט מיט אהרן כהן גדול, וואס פארא גרויסע תועלת, נוצן, און זכות וועט זיין פאר דעם אידישן פאלק, אז ס'וועט צוקומען נאך קינדער ביי אזוינע עלטערן ווי משה וצפורה.

וואס דערפאר געפינט מען אז גלייך נאך דערויף ווי מ'דערציילט וועגן דעם "ותדבר מרים" - דערציילט מען גלייך אז דער אויבערשטער מיט דעם ארון קודש און מיט דעם משכן און דער גאנצער אידישער פאלק האט אפגעגעבן מרים הנביאה דער כבוד א גאנצע וואך נאכאנאנד, זונטיק און מאנטיק און דינסטיק און מיטוואך דאנערשטיק און פרייטיק און שבת - שבעה ימים נאכאנאנד!

וואס דאס אונטערשטרייכט נאך מערער אז דאס איז דאס מערניט ווי א ניט קליין געוואונטשענע זאך פאר מרים'ן לויט איר מעלה, דאס איז אבער א זאך וואס בשעת מ'טוט דאס ביי אנדערע אומשטענדן און בנוגע צו אנדערע מענטשן איז דאס א זאך וואס וועגן דערויף ווערט דערציילט אז אזוי האט געטאן מרים הנביאה.

נאר זי האט ניט אינגאנצן אפגעשאצט די הויכקייט פון משה רבינו'ס מעלות.

וואס דאס קומט אויכעט דורך דערויף וואס יעדער מחנכת ומדריכה גיט אוועק און לייגט זיך ארייין אויף פועל זיין אויף א אידישן קינד, א אינגעלע אדער א מיידעלע אז זיי זאלן זיך פירן פונקט ווי זייער פאטער וואלט געווען מ"ר, און ווי זייער מוטער וואלט געווען צפורה, און זיי זאלן זיך אזוי פירן איך טאג-טעגליכן לעבן -

פירן זיי דורך נאך א סיפור און נאך א הוראה וועגן וועלכע ס'ווערט דערציילט בנוגע צו מרים הנביאה.

מיט דער באווארעניש אז "זכור אל תשכח" - מ'טאר ניט פארגעסן אז בנוגע צו מ"ר איז דאס ניט שייכות, ס'איז דא אזוינע וואס זייער ענין איז אך העכער, אבער דאס איז מערניט ווי מ"ר.

אבער אנשים כערכנו - אידן אין אונזער ערך און אין אונזער צושטאנד, איז זייער זאך איז אז ס'זאל צוקומען אידישע קינדער וואס גייען אין דרך ה', אינגעלאך און מיידעלאך.

וואס דאס וועט נאך מער צואיילן דעם ענין פון די גאולה, ווארום יעדער אידישער קינד איז מוסיף אור, מאכט ליכטיקער די וועלט גלייך ווי ער ווערט געבארן קומט צו נאך א "נר ה' נשמת אדם" נאך א אויבערשטנס א ליכט וואס מאכט ליכטיק דעם גלות.

און בשעת ס'קלייבן זיך צוזאמען נאך א ליכט און נאך א ליכט, ווערט נאך זייענדיק אין גלות "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם" - ס'ווערט נאך ליכטיק אין די לעצטע טעג פון גלות, און מ'גייט אין א ליכטיקן אופן אנטקעגן משיח צדקנו.

**ה.** ס'איז אויכעט דא נאך אן אנווייזונג וואס דאס גיט א שטארקייט אז ניט קוקנדיק אויף דער פינצטערקייט וואס איז דא אין גאס, אז מ'לעבט אין א וועלט וואס די וועלט ווייס נאך ניט מיטן גאנצן שטורעם וועגן די ליכטיקייט פון תורה און אידישקייט.

היינטיקער טאג איז דאך פינף טעג אין תמוז, וואס דאס איז פארבונדן מיט די הפטורה פון זמן מתן תורתינו, די הפטורה פון יחזקאל הנביא, וואס ס'ווערט דערציילט אז פינף טעג אין תמוז האט ער דערזען זייענדיק אין גלות - גלות בבל, (וואס דערפון הויבן זיך אן דערנאך די גליות ביז גלות אדום) האט ער דארטן דערזען דעם אויבערשטן מיט די גאנצע מרכבה מיט אלע פרטים ופרטי פרטים.

און דאס איז ניט געווען אן איינמאליקע זאך ביי יחזקאל הנביא, והראי' - אז דאס ווערט דערנאך א הפטורה וואס יעדער יאר אין זמן מתן תורתינו - אין דעם ערשטן טאג פון שבועות, לייענט מען דאס ברבים אין א מקום קדוש אין א ביהכ"נ, און מ'דערציילט יעדער אידן אז מ'זאל וויסן זיין אז ס'איז געווען דעם ערשטן מאל איז דאס געווען אין יענעם יאר אין יענער פלאץ וואס דאס איז געווען אין א מעמד ומצב פון גלות, און זייענדיק אין גלות האט זיך דער אויבערשטער באוויזן מיט די גאנצע מרכבה צו יחזקאל הכהן הנביא, און האט אים אנגעזאגט אז דאס זאל פארשריבן ווערן וואס "הוצרכה לדורות" - דאס איז נויטיק צו וויסן אין יעדער דור און אין אלע דורות.

און אז ס'קומט זמן מתן תורתינו לייענט מען דאס ברבים, דערנאך אז ס'קומט פינף טעג אין תמוז דערמאנט מען זיך נאך אמאל אויף דערויף, וואס דאס גיט כח אז נאך זייענדיק אין גלות זאל מען וויסן זיין אז אע"פ וואס בעיני בשר (מיט פליישיקע אויגן) זעט מען ניט כביכול דעם אויבערשטן מיט די מרכבה,

איז מ'זאגט אז שכינה עמהם "גלו לאדום שכינה עמהם" דער אויבערשטער געפינט זיך צוזאמען מיט יעדען פון אונז און יעדערן פון אייך, און מיט יעדערן פון עם ישראל ער האפט אז יעדער וועט צוגעבן נאך מערער אין ליכטיק מאכן דעם גלות דורך "נר מצוה ותורה אור".

וואס דאס וועט נאך ליכטיקער מאכן די לעצטע טעג אין גלות פאר יעדער אידן און פאר אלע אידן און וועט נאך מער צואיילן די ליכטיקייט פון דער גאולה.

ו. און ווי געערעדט פילע מאל, די וועלט "שאקלט" זיך, אבער א איד האלט זיך פעסט מיט דעם אויבערשטן, דורך דערויף וואס ער האלט זיך אן אין תורה און אין אירע מצוות.

וואס דאס איז דאך די שלשה דברים שהעולם עומד, תורה ועבודה און גמ"ח,

איז אזוי ווי מ׳האט דערמאנט פריער פסוקים פון תורה, אויך דערמאנט עבודת התפלה "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים" און אויכעט איז דא אויפן טיש מטבעות אז יעדער פון אייך זאל נעמען און אפגעבן אויף צדקה נאך בחמשה בתמוז,

האט מען אויכעט דעם דריטן ענין, פון "צדקה".

און דאס זאל נאך מער צוגעבן אין "העולם עומד" - עולם קטן זה האדם, אז יעדער איד זאל שטיין פעסט אין זיין אידישקייט, און מיט אזא מין פעסטקייט אז ער זאל באיינפלוסן די אלע זאכן וואס געפינען זיך ארום אים אז ס׳זאל זיין ניכר אז דאס איז א וועלט וואס דארט ווערט אנגעפירט פון אידישקייט דורך אלקינו מלך העולם - דורך דעם אויבערשטן וואס האט אונז געגעבן תורה ומצוותי׳.

און דאס וועט אריינברייינגען שלימות און גאנצקייט אין יעדער אידן, און שלימות און גאנצקייט אין דעם גאנצן אידישן פאלק, דורך דערויף וואס מ׳האט שלימות התורה, די גאנצקייט, זיין איגנאנצן פארבונדן מיט דער גאנצער תורה,

און דאס וועט אונז ברייינגען צו שלימות הארץ, אז מיט די גאנצקייט פון ארץ הקדושה, ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה, און קיין גוי האט ניט קיין חלק ניט, דערפאר וואס דאס איז אן אייביקע נחלה געגעבן געווארן צו יעדער אידן און אלע אידן אין אלע דורות און אין אלע לענדער איז יעדער איד א בעה"ב אויף גאנץ א"י, און קיין איינציקער ניט איד האט דארטן קיין חלק און קיין נחלה און קיין דעה זאגער ניט.

און דורך שלימות הארץ וואס מ׳שטייט מיט די גאנצע שטארקייט אז דאס געהערט נחלת עולם לעם עולם דורך ברית עולם - מיטן אויבערשטן אלקי עולם,

היילט מען צו די גאולה, אז אט אט קומט משיח צדקנו, און מ׳נעמט ארויס שלימות העם - יעדער איד און אלע אידן פון גלות, און מ׳נעמט מיט א גאנצע תורה אין טאג-טעגליכן לעבן, און מ׳ברייינגט דאס אין שלימות הארץ - אין א גאנצע ארץ ישראל, אין א אופן פון "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד" ווארום "ואולך אתכם קוממיות" - אידן האלטן זיך שטאלץ בקומה זקופה נאך זייענדיק אין גלות, דערפאר וואס זיי האלטן זיך שטאלץ ביי תורה און מצוות און אידישקייט, וואס דאס פארבינדט זיי מיטן אויבערשטן,

און מ׳גייט מקבל זיין פני משיח צדקנו בקרוב ממש, אמן כן יהי רצון.

מסתמא וועט יעדערער צוגיין און וועט נעמען א מטבע און אפגעבן דאס אויף צדקה.

און דאס זאל מוסיף זיין (ווי געזאגט פריער) אז ס׳זאל זיין "העולם עומד" - פעסטקייט ביי י[illegible]ער אידן און אלע אידן.

און מ׳זא[illegible] האבן [illegible] זומער און א געזונטן תמיד און געזונטן [illegible]-טעגליכן לע[illegible] בגשמיות און ס׳וועט אויכעט זיין א געזונטער תמיד ברוחניות,

ובקרוב ממש, זוכה זיין ([illegible] געזאגט פריער) מקבל זיין פני משיח צדקנו, [illegible] דאס וועט זיין די גאולה האמיתית, בנהרה בימינו ממש.

[illegible]

בס"ד. שיחת ש"פ חוקת, ז' תמוז ה'תש"ם. הנחה פרטית בלתי מוגה

א. ס'איז דאך דער שבת פאר דער חג הגאולה פון י"ב י"ג תמוז.

וואס אויף שבת שטייט אין זהר אז "מיני' מתברכין כולי יומין", אז שבת איז מברך און ממשיך די השפעות אין די ששת ימי השבוע הבאים לאחריו.

און ס'איז דאך מעצמו מובן אז די ברכה והמשכה וואס ווערט נמשך פון שבת איז לפי די צרכים און דער אופן און תוכן פון דעם דבר המתברך, ובלשון הכתוב "איש אשר כברכתו בירך אותם".

ד.ה. אז די ברכה וואס ווערט נמשך פון שבת אין יום ראשון, איז לפי די ענינים פון יום ראשון, פון יום שני - לפי די ענינים פון יום שני, ועד"ז בכל ימות השבוע.

ועאכו"כ אויב עס זיינען דא ענינים מיוחדים אין די ששת ימי השבוע, איז דער שבת זיכער מברך יעדער ענין מיוחד לפי ענינו.

וואס דאס איז אזוי אפילו בנוגע צו אן איש פרטי און בנוגע צו אן ענין פרטי, עאכו"כ בנוגע צו אן איש כללי און בנוגע צו אן ענין כללי וגדול וחשוב, וואס רירט אן ניט נאר א רבים, נאר כלל ישראל,

וואס דער חילוק צווישן א רבים און כלל ישראל איז פארשטאנדיק בפשטות: א רבים איז פארבונדן מיט א געוויסע שכונה און מקום, און מיט א געוויסע זמן, און מיט א געוויסן איש.

משא"כ כלל ישראל איז כולל אלע אידן בכל מקום ובכל הזמנים, ווארום ס'איז דאך דא א כלל אז "ציבור לא מת" [וואס דערפון קומען ארויס כמה נפק"מ להלכה בנוגע צו קרבנות אין זמן שביהמ"ק הי' קיים, ווי די גמ' זאגט אין הוריות], במילא אז ס'איז דא אן ענין פארבונדן מיט כלל ישראל, איז דאס פארבונדן מיט כלל ישראל וואס "לא מת" בכל הדורות, ביז מיט די אידן וואס זיינען געשטאנען בא מ"ת וואס דעמאלט איז געווארן דער מציאות פון כלל ישראל, און דעמאלט איז געגעבן געווארן דער הלכה אז "צבור לא מת" - במילא איז דאס פארבונדן אויך מיט זיי -

איז דאך א זיכערע זאך אז די ברכה והשכמה וואס ווערט נמשך פון שבת אין דעם טאג און ענין, איז לפי ערך דער אופן און תוכן פון דעם ענין.

און דערפון איז פארשטאנדיק די גרויסע השתדלות וואס דארף זיין בכדי אז די ברכה פון דעם שבת זאל קענען מברך זיין און ממשיך זיין אין אזא טאג און ענין וואס איז פארבונדן מיט כלל ישראל.

ב. דער כלי און דער אתעדל"ת אויף צו מקבל זיין די ברכה פון שבת איז - תורה ומצוות.

וואס דערפאר בשעת מ'וויל מקבל זיין די ברכה וואס ווערט נמשך פון שבת דארף מען זיך פארבינדן מיט תומ"צ ביום השבת, און די (כלי -) תומ"צ דארפן זיין לפי"ע די ברכה וואס מ'וויל דורך דערויף ממשיך זיין.

וואס תורה ומצוות טיילן זיך בכללות אויף די שלשה קוין וואס "עליהם העולם עומד" - תורה, עבודה און גמילות חסדים.

איז פארשטאנדיק אז מ'דארף טאן אין די שלשה קוין ביום השבת בכדי צו ממשיך זיין און מקבל זיין די ברכה פון שבת,

און די שלשה קוין דארף מען מקיים זיין אין א שבת'דיקן אופן, בכדי אז עס זאל זיין לפי"ע די ברכה וואס ווערט נמשך פון שבת.

ג. דער אופן ווי מ'איז מקיים די שלשה קוין במיוחד ביום השבת:

דער קו פון עבודה, עבודת התפלה, ביום השבת, איז אן תחנון.

דער קו פון גמילות חסדים ביום השבת דארף מען מקיים זיין ניט מיט ענינים וואס זיינען מוקצה, כמובן בפשטות.

בנוגע צו דער קו פון תורה איז לכאו' ניטא קיין נפק"מ צווישן ימות החול און יום השבת.

זעט מען אבער אז מנהג ישראל איז, אז ביום השבת איז ניטא קיין חדר פאר קינדער, און דעמאלט פארהערט זיך דער קינד בא זיין פאטער אדער בא זיין עלטערער ברודער, וכדומה אדער ער פארהערט זיך אליין, ווי מ'זעט מנהג ישראל בזה.

והלואי אז מ'זאל דאס מחזק זיין און מוסיף זיין אין דעם כהנה וכהנה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניט דער פשט אז ביום השבת באפרייט מען אים פון לימוד התורה, נאר ס'איז דא דער ענין פון לימוד התורה, אבער אין אן אופן אז מ'נעמט ביי אים צו דעם צער וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה בימות השבוע, און מ'גיט אים דער ענין התענוג אין זיין לימוד התורה.

ד. והביאור בזה:

ס'איז אינה בדומה דער צער אדער תענוג וואס איינער האט אין א דבר מסויים לגבי דער צער אדער תענוג וואס א צווייטער האט אין דער זעלבער זאך.

ולדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו א תענית חלום בשבת:

א תענית איז ביי א מענטשן בכלל פארבונדן מיט אן ענין פון צער, ווען עס קומט אבער צו א תענית חלום בשבת, איז דער דין און די הוראה (לאחרי הקס"ד באופן אחר) אז מ'מעג פאסטן, ווארום דאס איז זיין תענוג צו פאסטן דעם תענית חלום, כמבואר דער טעם אין פוסקים [נאך שבת דארף ער טאקע מתענה זיין א "תענית על תעניתו", אבער ביום השבת האט ער געהאט תענוג פון דעם תענית חלום], ואין כאן המקום להאריך אין די פרטים בזה.

ועד"ז בנוגע צו לימוד התורה ביום השבת: אין דער לימוד התורה פון כאו"א ביום השבת נעמט מען ביי אים צו דער ענין הצער וואס ער האט בשעת ער לערנט תורה בימות השבוע, און דער צער וואס מ'נעמט בא אים צו איז א צער וואס ביי אים הייסט צער:

לימוד התורה ביי א קטן אין חדר בימות השבוע איז פארבונדן מיט דער צער פון "יראת הרצועה" [וואס אויך אויף לימוד התורה מתוך יראת הרצועה פון א"הבל שאין בו חטא" שטייט די גאנצע וועלט, ווי דער אלטער רבי זאגט אין הל' ת"ת, משא"כ אפילו בנוגע צו לימוד התורה פון אנשים גדולים וואס לערנען תורה לשמה - איז בא זיי ניטא דער ענין ווי פארשטאנדיק פון די דוגמא אין גמ' דארטן (שבת שם)].

ה. עד"ז בנוגע צו לימוד התורה בכלל, איז דער לימוד התורה וואס איז מתאים צו יום השבת - לימוד הקבלה, וואס דאס איז דער חלק אין תורה וואס איז ניט פארבונדן מיט קיין ענין פון צער:

אין נגלה דתורה איז דא א קשיא, א רמינהו, א ספק, א מחלוקת איז אין דערויף דא אן ענין פון צער און העדר התענוג, ווארום ס'איז "אין שמחה כהתרת הספיקות", און בשעת מ'האט א ספק און א מחלוקת וכו' שטערט דאס צום תענוג ושמחה בדבר.

משא"כ אין קבלה איז "לית תמן לא קשיא ולא מחלוקת כו'", ווי עס שטייט אין זהר, וכמבואר בארוכה אין דער אגה"ק הידועה, ובמילא איז דער לימוד בזה אין אן אופן פון תענוג, אן קיין ענין פון צער.

וואס אע"פ אז כל התורה כולה, ווערט אנגערופן "זמירות, כמ"ש "זמירות היו לי חוקיך", וואס דאס באווייזט אויף אן ענין פון תענוג - כולל אויך דער לימוד פון במחשכים הושיבני - זה תלמוד בבלי.

איז אבער דער אופן הלימוד פון תלמוד בבלי איז ביז מ'קומט צו די מסקנא פון אן ענין, איז דא אי-בירור און מ'האט ניט קיין קלארקייט און העלמות והסתרים אין דעם לימוד, ווארום ס'איז מלא קושיות און מחלוקת און שקו"ט.

משא"כ, כאמור, לימוד הקבלה איז אן קשיות און אן מחלוקת וכו', ובמילא איז דער לימוד בזה אין אן אופן פון תענוג.

וואס דערפאר איז דער לימוד המתאים צו יום השבת - לימוד הקבלה, ווארום ביום השבת איז ניטא דער ענין הצער נאר דער ענין התענוג, ועד"ז איז דער לימוד פארבונדן מיט צער ביז מ'קומט אן צו מסקנת הדברים.

ו. אפילו די ענינים אין נגלה וואס מ'זאגט און מ'לערנט אין תפלת שבת (פונקט ווי אין תפלת חול), ווי די משנות פון זבחים, "איזהו מקומן וכו'", און נאך פאר דערויף די משנה פון פאה, "אלה דברים", און אויך "פטום הקטורת כו'" - זיינען אין נגלה גופא ענינים וואס זיינען ניט פארבונדן מיט מחלוקת און (במילא מיט) צער:

"איזהו מקומן" און די משנות שלאחריו זיינען אלע משנות אן קיין שום מחלוקת.

און ס'איז ניט דער פירוש אז אין די ענינים וואס רעדן זיך אין "איזהו מקומן" זיינען ניטא קיינע מחלוקת - ס'איז טאקע דא כמה מחלוקת אין די ענינים וואס רעדן זיך אין "איזהו מקומן" [ווי לדוגמא אין דעם ענין פון "פסח נאכל עד חצות"] - אבער די מחלוקת זיינען ניט במקומם אין זבחים, נאר אין פסחים וכיו"ב.

עד"ז די משנה אין פאה - איז א משנה אן מחלוקת.

עד"ז אין "פטום הקטורת" - זיינען ניטא קיינע מחלוקת.

און אע"פ אז אין "פטום הקטורת" שטייט "רבי שמעון בן גמליאל אומר" און ניט "אמר רבי שמעון בן גמליאל", וואס דאס באווייזט אז ער זאגט אייך דעה אין אן ענין וואס האט נאך דעות -

שטייט אבער אין מפרשים, אז דאס איז ניט קיין מחלוקת, נאר רשב"ג קומט מבאר זיין דאס וואס שטייט פריער.

ז. די דריי קוין פון תורה עבודה און גמ"ח ווי מ'איז זיי מקיים ביום השבת (כמבואר לעיל בארוכה), זיינען ניט נאר נאך אן אופן ווי מ'איז זיי מקיים - נאר אין דער אופן פון זייער קיום ביום השבת באשטייט עיקר ענינם, והביאור בזה:

די תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מיני ים", און עיקר התורה איז "לית תמן לא קשיא ולא מחלוקת כו'", וואס דאס איז דער אופן פון לימוד התורה במיוחד ביום השבת.

עד"ז איז עיקר ענין התפלה ("עבודה") בשבת:

ס'איז מבואר אין תו"א אז אלע תפלות פון ימות החול ווערן נתעלה צוזאמען מיט די תפלות פון שבת.

וואס דער טעם אויף דערויף איז דערפאר וואס תפלה איז איין זאך מיט שבת: תפלה פארבינדט דעם אדם מיט דעם אויבערשטן, עד"ז ביום השבת שטייט דער אדם העכער פאר עובדין דחול, און ער איז פארבונדן מיט דעם אויבערשטן, במילא איז דער ענין התפלה דעמאלט בעיקר ובהדגשה.

עד"ז איז עיקר הענין פון גמ"ח בשבת:

אע"פ וואס א חיוב גמור אויף מצות הכנסת אורחים איז דא נאר ביו"ט, משא"כ בשבת איז ניטא קיין חיוב בזה, ווארום "פרש חגיכם קאמר ולא פרש שבתכם" (זח"ב פח, ב. וראה שיחת ש"פ בהו"ב סי"ב) -

זעט מען אבער אז מנהג ישראל וואס "תורה הוא" איז, צו מקיים זיין מצות הכנסת אורחים ביום השבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפילו אזוינע וואס קענען מאיזה טעם ניט מקיים זיין בפועל מצות הכנסת אורחים, זיינען זיי דאס אבער מקיים ברוחניות, דורך דערויף וואס זיי זיינען ממשיך א ברכה והמשכה אויף אחיו ואחותו אדער ידידיו, ביז אויף כלל ישראל.

ח. כל האמור לעיל איז דער כלי פון תורה עבודה און גמ"ח וואס מ'מאכט ביום השבת בכדי צו מקבל זיין און ממשיך זיין די ברכה פון כל שבת ושבת.

בשעת מ'שטייט אין דעם שבת וואס "מיני' מתברכין" די ימי הגאולה פון י"ב י"ג תמוז - קומט צו נאכמער הדגשה אז די כלי אויף מקבל זיין און ממשיך זיין די ברכה פון דעם שבת (וואס בענטשט די טעג פון י"ב י"ג תמוז) דארף זיין די שלשה קוין פון תורה עבודה וגמ"ח, והביאור בזה:

דער בעל המאסר והגאולה האט זיך ניט מסתפק געווען מיט אליין מקיים זיין די שלשה קוין פון תורה עבודה און גמ"ח - נאר ער איז געגאנגען אויף מסי"נ בפועל בכדי אז דאס זאל אנקומען צו יעדן אידן וועלכע ער האט געקאנט דערגרייכן, ביז צו א איד אין א פינה נידחת, ביז אויך צו קטנים וקטנות.

וואס אויב ע וואלט זיך נאר מסתפק געווען און געטאן אין די שלשה קוין נאר מיט זיך, און מיט בני ביתו, וואלט דעמאלט זיין "עולם קטן" געווען "עומד", וואס דאס איז אויך א "עולם מלא", און עס וואלט דעמאלט ניט געווען דער גאנצער מאסר.

אעפ"כ איז ע געגאנגען אויף מסי"נ, און האט אריינגעשטעלט אין סכנה זיינע אייגענע שלשה קוין, זיין תורה עבודה און גמ"ח - אבי אז דער ענין פון תורה עבודה און גמ"ח זאל אנקומען צו יעדן אידן וועלכע ער האט געקענט דערגרייכן.

ס. יעדער ענין וויל מען דאך פארבינדן מיט א פעולה גשמית בכדי ממשיך זיין דעם ענין אין פועל ממש דא למטה.

כמדובר כמ"פ דאס וואס שטייט אין דרשות הר"ן ובכ"מ, אז בשעת א נביא פלעגט באקומען א נבואה, פלעגט ער דאס גלייך פארבינדן מיט א פעולה גשמית בעולם בכדי ממשיך זיין אז די נבואה זאל אראפקומען בפועל ממש.

עד"ז איז דער התוועדות פארבונדן מיט א פעולה גשמית אין די אלע שלשה קוין פון תורה עבודה און גמ"ח:

מ'האט זיך דאך צוזאמענגעקליבן אין א ביהכנ"ס, א "מקום שמגדלין בו תפלה".

ונוסף לזה איז דאס אויך א ביהמ"ד, א "מקום שמגדלין בו תורה".

און מ'האט זיך דאך צוזאמענגעקליבן בסבר פנים יפות, וואס דאס איז דער ענין פון גמ"ח.

וואס אע"פ אז מ'שטופט זיך - איז דאס אבער בחסד וברחמים, און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט (שיחת שמח"ת תרפ"ו), אז דורך דעם שטופן זיך קומט צו כח וחיות, ד.ה. אז מ'שטופט זיך ניט בכדי צו באווייזן אז מ'האט עלענבויגנ'ס און מ'קען יענעם אראפשטופן ממקומו - נאר דאס איז "אהבה דוחקת את הבשר" (ווי די גמ' זאגט אין ב"מ), דער שטופן זיך ברייננגט ארויס א חסידישן שווייס וואס נעמט דורך זיין גנאצע מציאות.

י. נוסף לזה איז מען מקיים די שלשה קוין מיט פעולות מיוחדות:

בעת דער התוועדות חזר'ט מען דאך ענייני תורה, פון תושב"כ און פון תושבע"פ.

נאך דער התוועדות ובסמיכות אליו וועט מען מתפלל זיין תפלת מנחה, וואס נוסף צו די מעלה פון תפלת מנחה בכלל (אויך בימות השבוע) וואס אלי' לא נענה אלא בתפלת מנחה" - איז דא א מעלה מיוחדת אין תפלת מנחה בשבת, כמבואר אין חסידות אז דער טעם פארוואס מ'זאגט "ואני תפלתי" צו מנחה בשבת, איז דערפאר וואס דעמאלט איז אן עת רצון, ביז אז מ'איז מהפך די גבורות פון יצחק (פארבונדן מיט זמן מנחה) צו אן עת רצון.

און אויך דער ענין פן גמ"ח האט מען בעת ההתוועדות, וואס א רבים האבן זיך צוזאמענגעקליבן צוזאמען, וואס דעמאלט האט מען דעם "גדולה לגימה שמקרבת".

ונוסף לזה: וויבאלד אז מ'האט דער ענין התפלה, איז דאך קודם התפלה זאגט מען "הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת לרעך כמוך", ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ בסידורו פון פרע"ח.

און וויבאלד אז א רבים האבן זיך צוזאמענגעקליבן, איז דאס אויך דער ענין פון "פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי", וואס דאס גייט דאך אויף די שלשה קוין, תורה עבודה און גמ"ח, ווי רש"י איז דאס מסביר (ברכות ח, א), אז "כי ברבים היו עמדי", איז דער ענין התפלה, און "פדה בשלום" איז דער ענין התורה, און אויך דער ענין הגמ"ח, ווארום "מתוך שגומל חסד בגופו לחבירו הוא מכיר שהוא אוהבו ובא לידי אחוה ושלום".

יא. און דורך דערויף וואס מ'האט דער כלי פון די שלשה קוין, תורה עבודה און גמ"ח, דורך דעם וואס מ'האט מקיים געווען בפועל אין דעם שבת אלע שלשה קוין, ובפרט אין אן אופן וואס איז מתאים צו א שבת וואס איז מברך י"ב י"ג תמוז, וואס

ווילבאלד אז דאס איז מברך די טעג איז פארשטאנדיק אז דאס איז נאך העכער פאר די טעג -

ברייננגט דאס ארויס און דאס איז ממשיך דער "מיני' מתברכין" פון שבת אין די אלע ששת ימי השבוע, אז שבת איז מברך און מבריך און ממשיך א ברכה אין יעדן טאג פון דער וואך ביז אין י"ב י"ג תמוז -

וואס די ברכה והמשכה פועל'ט אז אין די אלע טעג (וואס ווערן געבענטשט פון דעם שבת) זאל מען אננעמען החלטות טובות ובמיוחד בנוגע צו די עבודה אין די שלשה קוין, ווי דער בעל המאסר והגאולה האט געשריבן אין זיינע מכתבים אנהויבנדיק פון דעם וואס ער האט געשריבן אין דעם מכתב ראשון לחגיגת י"ב תמוז הראשונה, וואס איז שוין געדרוקט.

און א מחשבה טובה און א החלטה טובה איז "הקב"ה מצרפה למעשה", ובפרט אז דאס זיינען החלטות כתקנת וכרצון פון דעם בעל המאסר והגאולה, וואס ער האט ניט נאר מחנך געווען און געהאפט אז אלע ענינים זאלן ארויסקומען בשלימות - נאר ער האט אויך ממשיך געווען א ברכה און א נתינת כח צו יעדער איינעם, ביז אז ער האט אנגעזאגט "עמדו הכן כולכם" אויף צו מקבל זיין די אלע ברכות והמשכות.

ויה"ר אז די אלע ענינים זאלן אראפקומען למטה מעשרה טפחים, און מ'זאל גייען "לבטח דרכם" אין אלע טעג ביז דער גאולה פון י"ב י"ג תמוז, און דאן אויך אין די טעג פון י"ב י"ג תמוז.

און עס זאל זיין די "מסמך גאולה לגאולה" - פון דער גאולת ימי י"ב י"ג תמוז בימים אלו צו די גאולה פון כלל ישראל ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

יב. האמור לעיל איז שייך צו דעם שבת פאר י"ב י"ג תמוז בכל שנה ושנה.

ע"פ הורת הבעש"ט הידועה איז יעדער פרט ופרט וואס א מענטש זעט אדער הערט בהשגח"פ, און דערפאר דארף דער מענטש אפלערנען א הוראה פון יעדער פרט ופרט וואס ער זעט אדער הערט בגשמיות העולם אין עיקר ותכלית בריאתו, וואס דאס איז אין "לשמש את קונו", וואס "אני נבראתי לשמש את קוני".

ועאכו"כ פון אן ענין אין רוחניות, וואס רוחניות איז העכער פאר גשמיות, ועאכו"כ פון אן ענין אין תורה מלשון הוראה.

וואס דערפאר דארף מען אויך ארויסנעמען א הוראה פון דער פרשת השבוע פון דעם שבת, פאר י"ב י"ג תמוז, און אויך פון דער קביעות מיוחדת פון שנה זו (כדלקמן).

יג. דער פרשה אין תורה וואס מ'לייענט און מ'לערנט דעם שבת איז - פרשת חוקת.

און אע"פ אז מ'לערנט אויך אנדערע ענינים אין תורה בשבת זה, ווי "איזהו מקומן" וכו', כנ"ל (לו), ועד"ז די שיעורי הורה וואס מ'האט - איז דאס אבער ניט בדומה צו דער פרשה אין תורה וואס מ'לייענט מיט א ברכה לפני' ולאחרי', ביז אז יעדער קרוא, יעדער עולה לתורה מאכט א ברכה לפני' ולאחרי' אויף דער חלק פון דער פרשה וואס מ'לייענט בא זיין עלי' -

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דער פרשת השבוע אין תורה וואס מ'לייענט און מ'לערנט דעם שבת האט מערער שייכות צו דעם שבת ווי שאר ענינ' תורה וואס מ'לערנט דעם שבת.

אין פ' חוקת זיינען דא א ריבוי ענינים, מיט כו"כ מדרז"ל על הפרשה, ביז ענינים א"ס, ווארום תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני' ים", די אלע ענינים

ווערן אבער נכלל אין דער נאמען פון דער פרשה - "חוקת", וכמובן דערפון וואס בשעת מ'פרעגט ביי איינעם אויף וועלכער ענין עס זאל נאר זיין אין פ' חוקת, וואו געפינט זיך דער ענין - וועט ער זאגן אז דאס איז אן ענין אין פ' **חוקת.**

**יד.** וואס דערפון איז פארשטאדניק אז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון פ' חוקת - ליגט אין דער נאמען פון דער פרשה - "חוקת".

און די הוראה דארף זיין פארשטאנדיק צו א פשוט שבפשוטים, ווארום דער בעל המאסר והגאולה שרייבט במכתבו הידוע לחגיגת י"ב תמוז הראשונה, אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז" נאר די גאולה איז געווען פאר אלע אידן, ווי ער רעכנט דארטן אויס אלע סוגים פון אידן ביז צו אזא וואס "בשם ישראל יכונה".

וואס דערפאר דארפן אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט די גאולה, כולל אויך די הוראה דערפון וואס דער שבת פאר די גאולה איז שבת פ' חוקת - זיין פארשטאנדיק צו אלע אידן, אויך צו א פשוט שבפשוטים.

ד.ה. אז נוסף צו די ענינים ברמז און בדרוש און בסוד וואס זיינען דא אין "חוקת", דארף אויך זיין אן ענין אין פשט, אין דעם וואס איז פארשטאנדיק אויך צו א פשוט שבפשוטים.

**טו.** בשעת מ'פרעגט ביי א פשוט שבפשוטים, ביז אפילו ביי א בן חמש למקרא, וואס איז דער ענין פון "חוקת" - ענטפערט ער גלייך (פון דעם וואס ער פארשטייט אליין, אדער פון דעם וואס ער האט געלערנט אין רש"י): "חוקת" איז דער ענין פון א חוק אין תורה, וואס א חוק איז אן ענין וואס האט קיין הסברה ניט ע"פ שכל, ביז נאכמער: א חוק איז גאר היפך השכל, און "אין לך רשות להרהר אחרי", און דאס מ'איז דאס מקיים איז דערנאך וואס ס'איז דא הקדמת נעשה לנשמע.

**טז.** דערפון האט מען גלייך די הוראה בפשטות:

בשעת מ'זאגט א איד אז איצטער קומט דער חג הגאולה פון י"ב י"ג תמוז, וואס דאס איז א גאולה פאר אלע אידן, ביז אויך פאר אזא וואס "בשם ישראל יכונה", במילא דארף ער שטיין אין א מצב פון גאולה -

פרעגט ער היתכן: ווי קען ביי אים זיין גאולה בשעת ער שטייט אין א חושך כפול ומכופל פון גלות, וואס ידע אינש בנפשי' ובפרט אין דעם חושך כפול ומכופל פון דרא דעקבתא דמשיחא די שוועריקייטן וואס זיינען ביי אים דא מצד דעם חושך כפול ומכופל לערנען תורה כדבעי און "לימוד גדול שמביא לידי מעשה" - אין קיום המצוות כדבעי, ועד"ז די שוועריקייטן און מניעות אין וועלט וואס שטערן אים אז ער זאל מברר זיין חלקו בעולם כדבעי - איז דאס אלע ענינים וואס שטערן אים פון זיין בשמחה וטוב לבב - איז ווי קען ער שטייען אין א מצב און האבן א הרגש פון גאולה?

האט מען אויף דעם גלייך דער ענטפער אז דאס איז "חוקת": ס'איז טאקע ניט ע"פ שכל אז ער זאל שטייען אין א מצב פון גאולה, אבער אעפ"כ איז ער דאס מקיים אלס א חוקה פון דעם אויבערשטן, ד.ה. דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אים אזוי געהייסן,

און דערפאר אויך איז ער דאס מקיים מתוך שמחה וטוב לבב, ווארום דער ציווי פון "עבדו את ה' בשמחה" איז ניט נאר בנוגע צו משפטים און עדות, נאר אויך בנוגע צו חוקים.

ווי פארשטאנדיק פון דער הסבר פון דעם רמב"ם (הל' לולב ספ"ח) אויף דעם וואס אלע מצוות דארף מען מקיים זיין מיט שמחה גדולה.

און ווייבאלד אז ביי אים איז "מוח שליט על הלב", קומט עס אראפ פון ווי ער פארשטייט אז ביי אים דארף זיין "עבדו את ה' בשמחה", אויך אין קיום החוקים, אין זיין לב, וואס דארטן איז דער מקום השמחה, ביז אז פון זיין לב ווערט דער שמחה נתפשט אין אלע זיינע כחות און אין זיין גאנצער גוף, ביז אין זיינע רגלים, אז ער איז "מפזז ומכרכר לפני ה'", וואס "מכרכר" איז ברגלים.

**יז.** נאכמער:

פון דער הסבר פון דעם רמב"ם אויף דעם וואס מ'דארף מקיים זיין א מצוה מתוך שמחה, איז פארשטאנדיק אז אין דער קיום פון חוקים איז דא מערער שמחה, ווי אין דער קיום פון משפטים אדער פון עדות.

והביאור בזה:

משפטים זיינען די סוג מצוות וואס זיינען פארשטאנדיק ע"פ שכל, און אפילו אויב די תורה וואלט ניט געגעבן געווארן וואלט מען זיי מקיים געווען ע"פ שכל, ווי די גמ' (עירובין ק, סע"ב) זאגט אז "אלמלא לא ניתנה תורה היינו למידין צניעות מחתול וגזל מנמלה כו'", ד.ה. אז מצד מענטשליכקייט, אפילו אן תורה, וואלט מען דאס מקיים געווען, ווארום מ'איז ניט ערגער פאר א "חתול" אדער פאר א "נמלה" ושאר בהמות הארץ.

אין אנדערע ווערטער מיינט דאס, אז בעצם זיינען די מצוות ניט קיין ענין פון תורה (דוקא), ובמילא איז ס'איז מערניט וואס עס קומט צו אין די מצוות א דבר נוסף, אז תורה האט זיי געהייסן מקיים זיין.

ובמילא איז אויך די שמחה וואס איז פארבונדן מיט די מצוות ניט קיין שמחה בעצם הדבר דערפאר וואס תורה האט געהייסן מקיים זיין די מצוות - נאר דער שמחה איז אזוי ווי א דבר נוסף אויף דער עצם מצוה, ווארום מ'איז זיי מקיים ניט נאר דערפאר וואס תורה האט אזוי געהייסן, נאר מצד מענטשליכקייט.

אפילו בנוגע צו די סוג מצוות וואס ווערן אנגערופן עדות, וואס עניינם איז א זכר צו א צווייטער ענין, לדוגמא זכר ליצי"מ, וואס אן תורה וואלט מען זיי ניט מקיים געווען - איז אבער אויך די מצוות זיינען'ניט אינגאנצן נאר צוליב תורה, ווארום זיי לייגן זיך אויך ע"פ שכל וע"פ טבע האדם אז ער זאל זיי מקיים זיין בכדי ניט זיין קיין כפוי טובה.

במילא איז אויך די שמחה פארבונדן מיט די מצוות ניט קיין שמחה נאר דערפאר וואס תורה האט געהייסן מקיים זיין די מצוות.

משא"כ חוקים האבן קיין ארט ניט אין שכל האדם, ואדרבה - זיי זיינען היפך השכל, ביז אז "השטן ואומות העולם מונין את ישראל לומר מה המצוה הזאת ומה טעם יש בה", ביז אז ניט נאר שלמה המלך האט געזאגט אויף די מצוה "אחכמה והיא רחוקה ממני", נאר אויך בא משה איז "נתכרכמו פניו" ווען ער האט געהערט וועגן טומאת מת.

און די איינציקע סיבה פארוואס מ'איז מקיים די מצוה, איז דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, "חוקה חקקתי גזירה גזרתי", און "אין לך רשות להרהר אחרי'".

וואס דערפון גופא וואס מ'זאגט אז "אין לך רשות להרהר אחרי'", איז פארשטאנדיק אז אויב מ'וואלט געהאט "רשות להרהר אחרי'" וואלט מען טאקע מהרהר געווען, והטעם לזה:

ס'איז א ציווי אין תורה אז בשעת מ'לערנט תורה דארף מען זיך מתבונן זיין און וועלן פארשטיין און משיג זיין דאס וואס מ'לערנט, און וויבאלד אז כל ישראל זיינען בחזקת כשרות, איז א זיכערע זאך אז אויב עס וואלט געווען "רשות להרהר אחרי'", וואלט א איד זיכער מהרהר געווען, ווארום דאס איז א זאך וואס איז ניט פארשטאנדיק בהבנה והשגה שלו.

ביז נאכמער: עס זיינען דא שאלות וואס תורה גופא זאגט אז זיי זיינען שאלות, ועי"ד ווי די שאלה "וכי תאמרו מה נאכל", ובלשון ההלכה: ס'איז דאך "אין סומכין על הנס" איז "מה נאכל".

וואס דאס איז א שאלה וואס איז א חלק פון תורה, ד.ה. אז ע"פ תורה דארף מען פרעגן די שאלה, ווי גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות (ש"פ בהו"ב).

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "אין לך רשות להרהר אחרי'", אז לולא זה וואס "אין לך רשות" וואלט מען בפירוש מהרהר געווען און געפרעגט שאלות וכו'.

און ניט נאר שאלות ע"פ שכל אנושי, נאר אויך שאלות ע"פ שכל דקדושה.

די איינציקע סיבה פארוואס ער פרעגט ניט קיין שאלות איז דערפאר וואס די תורה, וואס זי איז דער "חמודה גנוזה" פון דעם אויבערשטן, און זי איז העכער ניט נאר פון שכל אנושי, נאר אויך פון שכל דקדושה, איז געגעבן געווארן צו א אידן, און זאגט אים אז ער דארף מקיים זיין די מצוה, און אין אן אופן וואס "אין לך רשות להרהר אחרי'".

**יט.** וואס ע"פ כל זה איז פארשטאנדיק אז דער קיום פון חוקים איז פארבונדן מערניט ווי מיט דעם וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן טאן בתורתו שלו, משא"כ שכל און טבע האדם זיינען גאר מנגד צו דער קיום פון חוקים.

וואס דערפאר איז די שמחה וואס מ'האט בשעת מ'איז מקיים חוקים א שמחה הכי גדולה, ווארום ער האט שמחה דערפון וואס דורך מקיים זיין א חוק ווערט ער נאענט צו דעם אויבערשטן, ווארום ער איז דאס מקיים נאר דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, און אין דעם איז ניט אריינגעמישט זיין שכל און זיין טבע, ווי דאס איז בא קיום פון משפטים און עדות.

**כ.** ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שטעלן אין א מצב פון גאולה בי"ב י"ג תמוז, כאטש מ'געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל פון גלות:

ווען עס קומט י"ב י"ג תמוז, דארף זיך א איד אוועקשטעלן אין א מצב פון גאולה, און דאס טאן אין אן אופן פון א חוקה, אפילו אויב ער פארשטייט דאס ניט ע"פ זיין שכל.

וואס דעמאלט האט ער דער ענין הגאולה בשלימות, און אין אן אופן פון שמחה - ווארום ער איז דאס מקיים נאר דערפאר וואס דאס איז א חוקה, ניט אריינמישעבדיק זיין אייגענער מציאות.

**כא.** (מאמר המוסגר) זעלבסטפארשטענדליך אז מ'געפינט זיך נאך פאר דער גאולה האמיתית והשלימה, און אויך פאר אתחלתא דגאולה - ווארום עס האבן נאך ניט געטראפן די ענינים וואס דער רמב"ם רעכנט אויס אז דערמיט ווייסט מען אז ס'איז "משיח בודאי",

און כל זמן אז מ'ווייסט ניט ברור אז די ענינים האבן געטראפן, און ס'איז דא א ספק בדבר אז עס קען זיין אז דאס איז ניט געטראפן - איז דאס גופא די בעסטע באווייז אז מ'געפינט זיך נאך אין גלות, ווארום ס'איז ניטא קיין גרעסערע גלות

ווי דער ענין הספק, וואס "אין שמחה כהתרת הספיקות", ד.ה. אז א ספק איז היפך ענין השמחה, און "ספק בגימט' עמלק".

און ווי מ'זעט בפשטות, אז בשעת איינער שטייט אין א מצב פון שמחה צוליב א געוויסן ענין, און מ'קומט און מ'ווארפט אין אים אריין א ספק בדבר - שטערט דאס צו זיין שמחה.

ועאכו"כ אז מ'זעט בפשטות אין וועלט אז מ'האלט פאר דעם "ויכוף כל ישראל כו'", ועאכו"כ פאר "וילחם מלחמות ה' וינצח".

ואדרבה - מ'זאגט בפשטות אז מ'געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל פון גלות.

**כב.** נאכמער: מ'זעט היינט אז עס זיינען דא אזוינע וואס נעמען תורה און נוצן דאס אויף היפך התורה - מגלין פנים בתורה שלא כהלכה!

מיט די טענה: תורה זאגט און מאנט אז עס דארף זיין קירוב הלבבות, היפך פון פירוד הלבבות, און עס דארף זיין שלום, ביז אז "כל התורה כולה ניתנה לעשות שלום בעולם" - במילא דארף מען ניט מאכן קיין פירוד צווישן א אידן מיט להבדיל א גוי.

און דערפאר דארף זיין דער חוק פון "מיהו יהודי", וואס מ'פארשרייבט אויף א פאפירל אז דער און דער גוי איז א איד ר"ל.

און דער סיבה פארוואס מ'טוט דאס איז וויבאלד אז דער מאן איז א איד, און ער האט חתונה געהאט מיט א גוי'קע, איז בכדי אז עס זאל זיין שלום און קירוב הלבבות ביניהם, און צווישן דער טאטע מיטן קינד וואס וועט געבארן ווערן - גיט מען איר א פאפירל אז זי איז א איד.

וואס ס'איז שוין פארשטאנדיק וואס פאר א איד דאס איז וואס איז א "בועל ארמית", ווי דער רמב"ם איז מאריך אז דאס איז א חטא הכי חמור, ערגער אפילו ווי גילוי עריות, שפיכות דמים און עבודה זרה.

און ווי דער ראגעטשאווער איז מבאר (אין אותיות פון הלכה), אז "בועל ארמית" איז די איינציקע וועג ווי מ'קען מאכן פון א איד א גוי.

ווארום אזוי איז "אע"פ שחטא ישראל הוא": וואס א איד וועט נאר טאן קען ער ניט ווערן אויס איד, משא"כ בשעת א איד איז "בועל ארמית" און עס ווערט געבארן א קינד, וואס האט געדארפט זיין "בנך", דיין זון, און עס ווערט איר זון, ווארום דער קינד גייט אחר האם ע"פ תורה - מאכט ער פון א איד א גוי ר"ל.

און ניט קוקענדיק אויף דערויף אז די גוי'קע איז לכל הדעות א גוי', און איר זון איז אויך לכל הדעות א גוי - קומען צוגיין אזוינע וואס טוען זיך אן אין דער איטלע פון א "ראביי" און זאגן אז עס דארף זיין קירוב הלבבות און שלום צווישן די גוי'קע און איר מאן דער איד - דארף מען איר פארשרייבן אלס א איד, און אויך פארשרייבן דער קינד וואס איז ע"פ תורה א גוי - אלס א איד!

**כג.** דער צער אין דערויף איז נאכמער:

בשעת א איד קומט עפעס צו מתקן דעם חוק האומלל פון "מיהו יהודי", - קילט מען אים גלייך אפ, "אשר קרך בדרך" און מ'זאגט אים אז עס זיינען דא בילכערע זאכן, ווי גייען אין וואשינגטאן באקומען געלט, א צווייטער איז פארבונדן מיט מפרסם זיין דאס אין א מודעה מיט א גרויסע "פיקטשער", מיט אלע סארט שטותים און ענינים פון מה בכך אין וועלכע מ'ליגט.

אבער בנוגע צו אן ענין עיקרי ווי "מיהו יהודי" האט מען אויף דערויף ניט קיין צייט!

וואס דערפון וואס מ'האט ניט געטאן ביז איצטער אין מתקן זיין דעם חוק - איז ארויסגעקומען איצטער אז זיי ווילן פארשרייבן אפילו סתם א גוי, וואס אויך לדעתם איז ער א גוי, אז ער איז א איד.

וואס אויב מ'וואלט ניט געווען קאלט צו דעם ענין פון "מיהו יהודי" ווען מ'האט אנגעהויבן שטורעמען וועגן דעם כמה שנים לפנ"ז - וואלט מען איצטער ניט געהאט א זעלכע צורת אז מ'וויל פארשרייבן סתם גוים אלס אידן.

עכ"פ - דערפון איז פארשטאנדיק אויף מכאן ולהבא, וואס קען ארויסקומען פון דעם וואס מ'איז קאלט צו דעם ענין פון "מיהו יהודי" איז (אויך), אז עס פעלט אין דעם ענין פון "חוקת":

דער בעל המאסר והגאולה איז מבאר אז ניט נאר די מצוות וואס זיינען חוקים דארף מען מקיים זיין אזוי ווי חוקים, ד.ה. נאר דערפאר וואס דער אויבערשטער האט זיי געהייסן מקיים זיין - נאך אויך משפטים און עדות דארף מען מקיים זיין ווי חוקים, ד.ה. ניט דערפאר וואס אזוי לייגט זיך אין שכל, נאר דערפאר וואס זיי זיינען ציווים פון דעם אויבערשטן.

וואס אין דער נקודה פון חוקים, ווי זיי נעמען דורך אויך משפטים און עדות, פעלט בא די וואס טענה'ן אז מצד קירוב הלבבות און שלום דארף מען פארשרייבן גוים אלס אידן.

עד כאן דעם מאמר המוסגר.

**כה.** מהאמור לעיל איז פארשטאנדיק די הוראה נוספת וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס דער שבת פאר י"ב י"ג תמוז איז שבת פ' חוקת.

אפילו אין מיטן דער חושך כפול ומכופל פון גלות קען א איד שטייען בהרגש אין א מצב פון גאולה, און ניט נאר אתחלתא דגאולה, נאר גאולה ממש -

ווארום "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה", ובפרט אז ער פארבינדט זיך מיט דער בעל המאסר והגאולה פון י"ב י"ג תמוז.

און דער כח אויף האבן אזא הרגש פון גאולה איז דוקא דערפון וואס ער טוט דאס אין אן אופן פון א חוקה, וואס נקודת הענין פון א חוקה איז - אז ער איז דאס מקיים נאר מצד דערויף וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, אע"פ אז דאס לייגט זיך ניט אין שכל, און שכל זאגט פארקערט.

וואס דעמאלט שטייט ער אויך בהכלית השמחה, ווארום ער האט זיך פארבונדן מיט דעם אויבערשטן אליין.

**כו.** דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם וואס שטייט ווייטער אין פרשתנו: "אז ישיר ישראל את השירה הזאת עלי באר ענו לה":

דער ענין השירה איז פארבונדן מיט שמחה, כמארז"ל "אין אומרים שירה אלא על היין", וואס יין איז "**משמח** אלקים ואנשים".

און די שמחה באשטייט ניט נאר פון אליין זיין בשמחה - נאר "עלי באר ענו לה": ער פועל'ט אז אויך אלע אידן זאלן זיין בשמחה, דורך דערויף וואס ער איז מגלה דער "באר מים חיים" אין יעדן אידן, כתורת הבעש"ט, וואס דאס טוט ער דורך

ארויסנעמען דער באר פון מעמקי התהום, און דערנאך מסיר זיין די רקבי העפר, וואס דעמאלט ווערט נתגלה דער "באר מים חיים", אין דעם אידן.

און דער כח אויף אויפטאן דאס ביי א צווייטן אידן קומט דערפון וואס ער אליין שטייט בשמחה, ווי מ'זעט עס בפשטות.

בשעת מ'גייט ארויס אין גאס און מ'רעדט מיט א צווייטן אידן, און מ'גייט מיט א פנים זועפות, און מיט א שארפקייט און מיט א ערענסטקייט - איז הלואי אז מ'וואלט אויך אזוי עפעס וואס אויפגעטאן, אבער מ'זעט בפועל מצד חושך העולם, אדער מצד אור העולם, אז דורך דעם טרייבט מען יענעם אוועק.

בשעת מ'גייט אבער מיט א פנים שמחות, בסבר פנים יפות - פועל'ט דאס אויך בא דעם צווייטן א שמחה, און דורך דערויף קען מען אויף אים גרינגער פועל'ן דאס וואס מ'וויל אויף אים פועל'ן.

און אפילו ווי שמאי (ניט הלל) זאגט, אז "הוי מקבל את כל האדם בסבר פנים יפות", ועאכו"כ ווי הלל זאגט: "הוי מתלמידיו של אהרן כו' אוהב את הבריות ומקרבן לתורה", ווי עס שטייט אויך בפרשתנו (כ, כט) "ויראו כל העדה כי גוע אהרן ויבכו את אהרן **כל בית ישראל**" - "האנשים והנשים לפי שהי' אהרן רודף שלום ומטיל אהבה בין בעלי מריבה ובין איש לאשתו" (רש"י שם).

**כז.** כמדובר כמ"פ אז א הוראה מיוחדת וואס מ'נעמט ארויס פון א קביעות מיוחדת איז ניט נאר א הוראה פאר דעם זמן, נאר א הוראה אויף כל השנה כולה, און אויף כל השנים.

עד"ז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס דער שבת פאר י"ב י"ג תמוז איז שבת פ' חוקת, אז מ'דארף שטייען אין א מצב פון גאולה און שמחה אויך בזמן הגלות - איז א הוראה אויף כל השנה כולה:

מ'דארף שטייען אין א מצב פון גאולה און אין א מצב פון שמחה בכל ימות השנה,

און ניט נאר אליין שטייען אין אזא מצב - נאר אויך פועל'ן גאולה און שמחה אין חלקו בעולם.

ביז אויך פועל'ן אז אנדערערע אידן זאלן שטייען אין א מצב פון גאולה און אין א מצב פון שמחה בכל ימות השנה.

וואס דעמאלט, בשעת דער אייגענער הרגש פון גאולה ושמחה איז לייגט מען צוזאמען מיט דעם הרגש פון גאולה ושמחה פון אנדערע אידן - ווערט דאס א שמחה און א גאולה און א אור גדול ביותר,

און דער אור וגאולה ושמחה פון די אלע אידן צוזאמען, צוברעכט דער חושך הגלות בכל ימות השנה, ווארום "שמחה פורץ גדר", און עס ווערט "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם" נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, און אור כפשוטו בגשמיות העולם.

ביז אז עס ווערט זיין "והי' לך הוי' לאור עולם", אור כפשוטו, **בעולם**, בקרוב ממש.

* * *

**כח.** דער חג הגאולה פון י"ב י"ג תמוז בשנה **זו** האט אין זיך אן ענין מיוחד:

י"ב תמוז שנה זו ווערט מאה שנה להולדת כ"ק מו"ח אדמו"ר, בעל המאסר והגאולה פון י"ב י"ג תמוז, וואס ער איז געבארן געווארן י"ב תמוז בשנת תר"ם, ("היום יום" ביומו), און שנה זו, שנת תש"מ, ווערט מאה שנה פון דעמאלט.

ועי"פ תורת הבעש"ט הידועה (ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז קכט, וראה גם שם אות קיט. ושי"נ). דארף אין דערויף זיין א הוראה מיוחדת, בנוסף צו דער הוראה פון י"ב י"ג תמוז בכל שנה.

**כט.** דער ענין פון מאה (שנה) האט אין זיך א שלימות מיוחדת [ווי עס שטייט אויך אין פרקי אבות אין סיום פון היינטיקן פרק (פ"ה. נתבאר בארוכה בההתוועדות)].

והביאור בזה:

די שלימות פון יעדער ענין (אין קדושה), איז (בכלל) - עשרה, און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס עס שטייט אין התחלה פון היינטיקן פרק (שם), "**בעשרה** מאמרות נברא העולם", וואס דאס באווייזט אז די שלימות פון "עולם", ביז פון אלע עולמות פון גאנץ סדר השתלשלות, איז - עשרה, וואס דערפאר איז "**בעשרה** מאמרות נברא **העולם**".

וכמבואר אין פרדס בתחלתו, (ש"ב), אז די שלימות פון יעדער ענין איז - עשרה, אנהויבנדיק פון ווי דאס איז אין אלקות - **עשר** ספירות, "עשר ולא תשע, עשר ולא אחד עשר" (ספר יצירה פ"א מ"ד. וראה זח"ב קפז, ב. פרדס ש"א פ"ו).

ווארום אין יעדער זאך איז פאראן אורך רוחב ועומק, און יעדערע פון זיי האט ראש תוך סוף, קומט אויס אז אין יעדער זאך זיינען פאראן ניין ענינים (רת"ס אין אורך רוחב ועומק - ג' פעמים ג'), און צוזאמען מיט דער עצם זאך (ובלשון הפרדס: המקום הסובל), - איז דאס צען, עשר. ובלשון החקירה (ביאור מילות הגיון להרמב"ם שער עשירי): אין יעדער זאך איז פאראן דער עצם מיט תשעה מקרים.

**ל.** עד"ז איז די שלימות אין זמן (שנה") - עשר, וואס עשר שנה באווייזט אויף אן אפשלוס און א שלימות אין זמן.

ובפרט אז אין זמן קומט אויך צו אז דאס איז עשר **שנה**, וואס "שנה" איז מלשון "שינוי" (עבוה"ק ח"ד פי"ט. רמ"ז לזח"ג רעז, ב. אוה"ת מקץ (כרך ה) תקעו, א. ושי"נ), ווארום (ראה לקו"ש ח"ד ע' 1323) א שנה איז כולל אין זיך אלע פרטים און שינויים.

[די י"ב חדשים וואס טיילן זיך אין די זעקס תקופות - "זרע וקציר", "קור וחום", און "קיץ וחורף", (אוה"ת שם), ווי די גמ' זאגט אין ב"מ], וואס דערפאר איז "שנה" אויך מלשון "שני", (נח ח, כב), ווארום ווען עס קומט א צווייטער יאר חזר'ט זיך נאר איבער א צווייטן מאל וואס עס איז שוין געווען אין דעם פריערדיקן יאר (קו, ב).

ועאכו"כ בשעת עס ענדיקן זיך **עשר** שנה, וואס דעמאלט קומט צו אין דער שלימות הזמן פון שנה - דער שלימות הזמן פון **עשר** שנה.

**לא.** עד"ז איז די שלימות אין "נפש", אין אדם - עשר, וואס עשרה אנשים איז דער גרעסטע פרהסיא.

ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער הלכה (טוש"ע (ואדה"ז) או"ח סקצ"ב ס"א (ס"ג) (נאך די הילוקי דעות בדבר) (ברכות מט, ב. במשנה), אז אין ברהמ"ז בשלשה זאגט מען "נברך", און בעשרה זאגט מען "נברך אלקינו", און פון עשרה און ווייטער, אפילו אויב דער ברהמ"ז איז פון "אלף" אדער "ריבוא" (ביז - כל העולם כולו) זאגט מען "נברך אלקינו" פונקט ווי מ'זאגט עס בעשרה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז עשרה אנשים זיינען כולל אין זיך כל העולם כולו.

[ס'איז טאקע דא א שלימות אין שלשה, וואס דעמאלט קען מען זאגן ברהמ"ז במזומן, ועד"ז איז דא א שלימות אין שנים, וואס מיעוט לשון רבים איז שנים, ביז אז ס'איז דא א שלימות אין חמשה, און אין שבעה.

דאס קומט אבער ניט צו דער שלימות פון עשרה, וואס דעמאלט איז מען משנה דעם נוסח פון ברהמ"ז, און אזוי בלייבט עס ניט קוקנדיק וויפיל מענטשן עס קומען צו נאך עשרה].

**לב.** וואס כהנ"ל, אז די שלימות אין יעדער זאך (אין עולם שנה און נפש) איז עשרה, איז ווי דאס איז מצד הבריאה, וואס "עולם על מילואו נברא" (ראה ב"ר פי"ד, ז. פי"ג, ג).

עס דארף דאך אבער זיין "לעשות - לתקן" (בראשית, ב, ג. וראה ב"ר פט"ו, ובפרש"י. וראה אוה"ת בראשית (כרך ג) תקיד, א, ואילך) - א איד דארף ווערן א "שותף להקב"ה במעשה בראשית" (ראה שבת קיט, ב) דורך דערויף וואס ער טוט אויף מצד עבודתו די זעלבע זאך וואס דער אויבערשטער האט אויפגעטאן אין דער בריאה און דורך דערויף טוט ער אויף נאכמער שלימות אין דער בריאה ווי זי איז מצ"ע.

דאס הייסט אז יעדער זאך אין וועלט וואס דער איד קומט אין בארירונג דערמיט, איז ער דאס מתקן און מברר, און מאכט פון דעם אויף די שלימות פון עשרה.

וואס דערפון קומט דאך אויס, אז דורך עבודת האדם אין וועלט ווערט אויפגעטאן אין וועלט די שלימות פון מאה - ווארום מצד הבריאה איז פאראן דער לשלימות פון עשרה, און אין יעדער איינער פון די עשרה (שמצד הבריאה) טוט אויף א איד ע"י עבודתו דעם ענין פון עשרה - איז דאך דאס עשר פעמים עשר - מאה.

ונוסף לזה:

עס זיינען דא עשרה סוגים אין אידן, און בשעת אלע עשרה סוגים פון אידן טוען עבודתם אין דעם "עשרה" פון וועלט (אין ענינים העולם וואס שטעלן זיך אויס אין עשרה) - איז דאס עשר פעמים עשר - מאה.

און בשעת מ'האט עשר פעמים עשר, מאה - האט מען תכלית השלימות פון אלע ענינים (נאכמער ווי די שלימות שמצד הבריאה) - ווי עס שטייט אין זהר (ח"א קכג, א. נתבאר בארוכה בביאוה"ז חיי שרה יב, סע"ב ואילך. תו"ח שם קכא, א ואילך. אוה"ת שם קו, ב, ואילך), עה"פ (ר"פ חיי שרה) "ויהיו חיי שרה מאה שנה וגו'", אז אין מאה איז "אתכליל מאתר עלאה סתימא דכל סתימין".

[דערפון איז אויך "נשתלשלו מהן" (ל' אדה"ז בתניא רפ"ג), איז לעו"ז (ראה אוה"ת בראשית (כרך ג) תקסא, א, ואילך. תקס"ד, א ואילך): דער דין איז (מגילה ה, א במשנה. רמב"ם הל' מגילה פ"א ה"ח), אז אן ארט וואס האט "עשרה בטלנין" (שהם בטלים ממלאכתם" און זיי געפינען זיך בביהכנ"ס) (גמ' שם ובפרש"י), האט א דין פון אן "עיר", משא"כ אין לעו"ז, האט אן עיר דעם דין פון אן עיר הנדחת - דוקא ווען אין איר זיינען דא (לכה"פ) מאה אנשים (סנהדרין טו, סע"ב. רמב"ם הל' ע"ז פ"ד ה"ב). ווי גערעדט אמאל בארוכה, (ראה גם לקו"ש בהעלותך תשל"ז ס"ה).

עד"ז זיינען דא נאך כו"כ ענינים פארבונדן מיט דעם מספר (און שלימות) פון מאה, מ'וועט אבער איבערלאזן כמה פון זיי אויף צו רעדן אין דער התוועדות פון י"ב י"ג תמוז.

**לג.** די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

יעדער איד דארף אויפטאן דעם ענין פון "עשרה" אין יעדער איינער פון זיינע עשר כחות, ד.ה. אויפטאן אז יעדער איינער פון זיינע עשר כחות זאל זיין בתכלית השלימות, ביז - אויפטאן אין אלע עשר כחות דעם ענין פון עשר, וואס דאס איז דער תכלית הלשימות פון עשר פעמים עשר - מאה.

ועד"ז דארף ער טאן בנוגע צו חלקו בעולם.

ועד"ז דארף ער אויך פועל'ן אויף א צווייטן אידן, ביז אויף אלע צען סוגים פון אידן, אז זיי זאלן זיין "עשרה שיושבין ועוסקין בתורה", (אבות פ"ג מ"ו), און זיי זאלן זיין אין א אופן פון "שלהבת עולה מאלי'" (ראה שבת כא, א. פרש"י עה"פ תצוה כז, כ. ר"פ בהעלותך).

וואס דורך דערויף טוט מען אויף אז פון יעדער איינעם פון די עשרה זאל ווערן נאך עשרה, וואס דאס איז דער תכלית השלימות פון מאה.

**לד.** נוסף צו דער שלימות הנ"ל אין דעם ענין המאה (שנה) - קומט אויך צו אן ענין מיוחד פארבונדן מיט מאה שנה פון א יום הולדת (ובנדו"ד - מאה שנה להולדת כ"ק מו"ח אדמו"ר בעל המאסר והגאולה פון י"ב י"ג תמוז):

ס'איז דאך ידוע דער מנהג וואס דער בעל המאסר והגאולה האט מגלה געווען (בקבלה מהבעש"ט) (במכתבו מט' טבת תש"ט - נדפס בקובץ מכתבים לתהלים (אהלי יו"ל) ס"ע 241. וראה גם מאמר אדה"ז - נדפס בקונטרס חג הגאולה י"ב י"ג תמוז תרפ"ח - הוצאת קה"ת תשל"ח - בסופו), - אז מ'זאל זאגן בכל יום דעם קאפיטל תהלים וואס איז מתאים צו דעם מספר השנים פון דעם מענטשן.

לפי"ז איז דער קאפיטל תהלים וואס איז פארבונדן מיט שנת המאה להולדת בעל המאסר והגאולה - קאפיטל ק', וואס הויבט זיך אן מיטן פסוק "מזמור לתודה".

וואס דערפון קומט צו נאך א נקודה אין דער הוראה הנ"ל אין דער עבודה פארבונדן מיט "מאה":

עס שטייט אין מגלה עמוקות (אופן רלט. הובא ביהל אור לתהלים עה"פ ס"ב (ע' שסט), אז "מזמור לתודה", דער מזמור ק' אין תהלים, איז כנגד די מאה ברכות וואס "חייב אדם לברך בכל יום".

[וואס דער קישור צווישן "מזמור לתודה" מיט "ברכות" איז פארשטאנדיק בפשטות - ווארום אין דעם קאפיטל רעדט זיך וועגן ברכה ותודה און תהלה צו דעם אויבערשטן. ונוסף לזה: "מזמור לתודה", א קרבן תודה, דארפן בריינגען די "ארבעה" וואס "צריכין להודות"] (ברכות נד, ב.).

וואס דאס איז גלייך מדגיש אז די עבודה וואס איז פארבונדן מיט "מאה" (די עבודה פון אויפטאן תכלית השלימות, "עשר", אין יעדער זאך, ביז אז מ'האט עשר פעמים עשר - מאה) (ולהעיר שבזהר שם מקשר זה ש"מאה" "אתכליל מאתר עילאה סתימא דכל סתימין" עם "רזא דמאה ברכאן דכל יומא". וראה תו"ח שם קכו, ג. אוה"ת שם (ח"ש) קיא, ב), איז שייך צו יעדער איינעם ("חייב **אדם**") בעבודתו בכל יום ויום, ביז אויך בשבתות וימים טובים וביוהכ"פ, ווי דער אלטער רבי איז מאריך בלשונו הזהב אין שו"ע (או"ח סמ"ו ס"א), [וכידוע אויף ווי ווייט דער אלטער רבי האט מדייק געווען בכתיבת שו"ע שלו אז עס זאל זיין ניט נאר "לא חסר", נאר אויך "לא יתיר", און אעפ"כ איז ער אין דעם סעיף מאריך באריכות גדולה].



הנחה פרטית בלתי מוגה

ביז אז דאס איז ניט נאר אן עבודה וואס איז שייך צו יום השבת אדער צו יו"ט, אדער צו יוהכ"פ - נאר דאס איז שייך אפילו בימות החול, אין סתם א וואכעדיקן טאג, וואס אויך דעמאלט איז "חייב אדם לברך מאה ברכות".

ואדרבה: בימות החול דארף מען זיך ניט מאטערן אויף צו געפינען מאה ברכות, משא"כ אין יום השבת און יו"ט, און ביוהכ"פ, דארף מען זוכן ברכות בכדי צו משלים זיין דעם מספר פון מאה ברכות, כמבואר בשו"ע שם.

**לה.** מ'וויל דאך אז יעדער ענין זאל אראפקומען אין א פועל ממש:

אין די טעג פון י"ב י"ג תמוז זאל מען במיוחד טאן אין אלע שלשה קוין שעליהם "העולם עומד" (און העולם קיים) (ראה אבות פ"א מ"ב ומי"ח), - אין תורה, עבודה און גמילות חסדים,

ובמיוחד - פארבינדן דאס מיט די התוועדויות (אין די טעג) פארבונדן מיט דער גאולה פון י"ב י"ג תמוז [וואס דאס וואלט מען געדארפט טאן אפילו אויב עס וואלט אנגעקומען מיט שוועריקייטן, צוליב דער ברכה והצלחה וואס קומט דערפון ארויס, עאכו"כ אז דאס איז בנקל צו טאן]:

מ'זאל פארבינדן די התוועדויות מיט לימוד התורה, און מה טוב אין אן אופן פון "עשרה שיושבין ועסקין בתורה".

ועד"ז - פארבינדן די התוועדויות מיט דעם קו העבודה, ד.ה. מיט דעם ענין התפלה (ראה תענית ב, סע"א) - מיט א תפלה לפני ההתוועדות, תפלת מנחה אדער תפלת מעריב ועד"ז בכל מקום לפי ענינו.

ועד"ז - פארבינדן די התוועדויות מיט דעם קו פון גמ"ח, כפשוטו - אריינווארפן געלט אין א צדקה פושקע (ווילבאלד אז סיי י"ב און סיי י"ג תמוז בשנה זו קען מען מקיים זיין דעם ענין פון גמ"ח מיט דברים וואס בשבת זיינען זיי מוקצה).

און דאס זאל מען טאן אין ביידע טעג פון דער גאולה - סיי בי"ב תמוז און סיי בי"ג תמוז, וואס יש בזה מה שאין בזה.

**לו.** ענין הנ"ל זאל מען במיוחד פארבינדן מיט קטנים וקטנות,

ווארום אע"פ אז דער בעל המאסר והגאולה האט געהאט מס"נ אז תומ"צ זאל אנקומען צו אלע אידן וועלכע ער האט געקענט דערגרייכן - איז אבער בעיקר געווען זיין מס"נ בנוגע צו דעם חינוך פון קטנים וקטנות, און צוליב דערויף (בעיקר) איז געקומען דער מאסר.

דערפאר זאל מען במיוחד מאכן התוועדויות פאר קטנים וקטנות, און דאס אויך פארבינדן מיט די שלשה קוין, תורה עבודה און גמ"ח.

מ'זאל מיט זיי לערנען אן ענין אין תורה, און זיי אליין זאלן זאגן אן ענין אין תורה.

ועד"ז זאל מען זיי משתתף זיין אין תפלה בצבור (אין א מנין פו גדולים), און זיי זאלן מיט זיי צוזאמען דאווענען א תפלה.

און זיי זאלן אויך אריינווארפן געלט אין א צדקה פושקע.

ונוסף לזה:

וויבאלד אז "בתר רישא גופא אזיל" (עירובין מא, א), און דער בעל המאסר והגאולה זאגט בכל יום ויום בשנה זו, ביז צום קומענדיקן י"ב תמוז, דעם קאפיטל ק' אין תהלים, "מזמור לתודה" - זאל מען מיט די קינדער אויך זאגן, ומה טוב - לערנן, קאפיטל ק' אין תהלים, "מזמור לתודה".

**לז.** און דאס איז א הוראה ניט נאר פאר "חוטב עציך" און "שואב מימיך", נאר אויך פאר "ראשיכם שבטיכם".

וואס לכאו' קען דאך איינער פון "ראשיכם שבטיכם" זאגן, אז בי"ב און י"ג תמוז וועט ער זיך מעמיק זיין אין תורתו פון דעם בעל המאסר והגאולה -

זאגט מען אים, אז ער דארף דאס אויך פארבינדן מיט די שלשה קוין כפשוטו, און אויך זאגן און לערנען קאפיטל ק' אין תהלים.

וואס אויך אויף דעם קאפיטל זיינען דא כו"כ ענינים וואס מ'קען לערנען אין "יהל אור" (אין די רשימות והגהות ומאמרים פון דעם צ"צ אויף תהלים) (ע' שסח ואילך).

ושם נסמן צו כמה פסוקים ומארז"ל ומדרשים, וואס אין זיי זיינען דא ענינים עשירים וואס יעדער איינער (און יעדער חוג מיוחד) קען פון דארטן ארויסנעמען לפי ענינו.

**לח.** און מ'זאל זאגן אדער לערנען (מיט די קינדער און אויך די גדולים) דעם קאפיטל אין תהלים אין דעם טאג פון י"ב תמוז און אויך י"ג תמוז.

ווארום אע"פ אז דער קאפיטל האט א שייכות לכאו' מערניט ווי צו דעם טאג פון דעם יום הולדת, י"ב תמוז -

וויבאלד אבער י"ג תמוז קומט בהמשך צו י"ב תמוז בקשר צו דער גאולה - זאל מען דאס אויך זאגן אדער לערנען בי"ג בתמוז.

**לט.** אזוי ווי יעדער דבר חשוב דארף האבן א הכנה, ביז צו א "הכנה דרבה" (ביצה ד, א. ובכ"מ) - זאל מען מאכן די פאסיקע הכנות בכדי צו דורכפירן די ענינים האמורים לעיל בתכלית השלימות.

ווי מ'זעט במוחש אז בשעת מ'מאכט א הכנה כדבעי צו א זאך, איז דעמאלט די דורכפירונג פון דער זאך בפועל בהצלחה יתירה.

און די הכנות דערצו זאלן זיין אין אן אופן מסודר, אבער צוזאמען דערמיט אין אן אופן פון "פרזות", בלי הגבלות - ע"ד ווי עס וועט זיין לע"ל - "פרזות תשב ירושלים", (זכרי' ב, ח), און צוזאמען דערמיט "ואני אהי' לה נאום ה' חומת אש סביב גו'" (שם, ט).

אז עס זאל ביי אים זיין דער ענין היראה, זיך אליין מבטל זיין, ביז אין אן אופן פון "יראה שלם" ("ירושלים") (ב"ר פנ"ו, י. הוד"ה הר - תענית טז, א) - שלימות היראה והביטול, (לקו"ת ר"ה ס, ב. ובכ"מ) וואס דעמאלט איז ער א "כלי ריקן" (ראה ברכות מ, א) וואס איז "מחזיק ברכה", א כוס של ברכה (ראה תו"א משפטים עט, א).

ביז אז ער איז אין זיך מחזיק מים חיים, וואס גיסן זיך איבער פון דעם כוס און כלי, און דורך דעם וואס זיי גיסן זיך איבער זיינען זיי מטהר, אפילו במשהו (מקואות פ"א מ"ז. רמב"ם הל' מקואות פ"ט ה"ח), און בזוחלין (מקואות שם מ"ח. רמב"ם שם), די אלע ענינים בלתי רצויים ארום זיך.



הנחה בלתי מוגה

**מ.** ויהי"ר אז עס זאל בקרוב מקויים ווערן אז "לע"ל כל הקרבנות כולן בטלין וקרבן תודה אינו בטל" (ויק"ר פ"ט, תנחומא אמור יד. ועוד).

וואס דאס גייט דאך אויף דער תקופה נאך דעם וואס עס וועט זיין "ושם נעשה לפניך כו' כמצות רצונך" (תפלת מוסף דשבת ויו"ט), ווארום דעמאלט (אין דער תקופה שלפנ"ז) וועט נאך זיין אלע קרבנות - און ערשט אין דער שפעטערדיקער תקופה וועט זיין "כל הקרבנות כולן בטלין וקרבן תודה אינו בטל" (ראה לקו"ש חט"ו ע' 142).

און וויבאלד אז בערב שבת איז מען טועם "מכל תבשיל ותבשיל" פון שבת, ווי דער אלטער רבי שרייבט בשו"ע שלו (או"ח סר"נ ס"ח).

עד"ז אויך, אין דעם ערב שבת לפני הגאולה, (ראה לקו"ש שם ע' 282), איז מען טועם פון "כל תבשיל ותבשיל" וואס וועט זיין נאך דער גאולה האמיתית והשלימה, אין דעם "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים" (מס' תמיד בסופה).

און דער תבשיל וואס מען איז טועם בערב שבת איז א תבשיל וואס האט טעם טאם פון שבת און איז אינגאנצן דורכגענומען מיט דעם ענין התענוג, וואס דאס איז ענינו פון שבת.

במילא האט מען נאך אין די לעצטע טעג פון גלות (אין "ערב שבת") דעם ענין פון "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם" (בא י, מג), בתכלית השלימות.

און מ'גייט צו די גאולה האמיתית והשלימה, און עס וועט זיין "זאת חוקת התורה" (ריש פרשתנו), - מ'וועט לערנען הורתו של משיח, ובקרוב ממש.

**מא.** מאמר (כעין שיחה) ד"ה זאת חוקת התורה.

**מב.** ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פרש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות פונעם טאטען אויפן זהר פון פרשתנו, און אויך אן ענין אין פרקי אבות לויט דעם "יש נוהגין" צו לערנען פרק "בכל שבתות הקיץ".

אין פרשתנו איז דא א רש"י תמוה, און וואס איז נאכמער תמוה - מפרשי רש"י שטעלן זיך בכלל ניט אויף דעם רש"י.

אין קאפיטל כ' פסוק כ"ג אויפן פסוק "ויאמר ה' אל משה ואל אהרן בהר ההר על גבול ארץ אדום", שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "על גבול ארץ אדום" און זאגט: "מגיד שמפני שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע נפרצו מעשיהם וחסרו הצדיק הזה [ד.ה. אהרן], וכן הנביא או' ליהושפט (דה"ב כ, לז) בהתחברך עם אחזיהו פרץ ה' את מעשיך" [ווי עס שטייט אין המשך הכתוב: "וישברו אניות ולא עצרו ללכת אל תרשיש"].

דארף מען פארשטיין:

א) די אידן אין מדבר זיינען דאך ניט געגאנגען וואו זיי האבן געוואלט גיין, נאר זיי זיינען נאכגעגאנגען נאכדעם ענן וואס איז פאראויס געגאנגען פאר די אידן "לנחותם הדרך" (בשלח יג, כא) - איז וואס זיינען שולדיק די אידן אז זיי זיינען אנגעקומען "על גבול ארץ אדום" - דער ענן האט זיי דאך אהינצו געפירט?

ב) אין דעם פסוק שלאח"ז שטייט בפירוש דער טעם אויף מיתת אהרן "על אשר מריתם את פי למי מריבה" - איז ווי קען רש"י זאגן א פארקערטן טעם אויף דעם, "מפני שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע... חסרו הצדיק הזה"?

ג) דער לשון "נפרצו מעשיהם" איז לכאו' א מאדנער לשון.

און אע"פ אז אזוי איז דער לשון אין דער דוג' וואס רש"י ברייינגט דערנאך - "פרץ ה' את מעשיך" - אבער דא איז "נפרצו מעשיהם" לכאו' דער זעלבער ענין ווי "חסרו הצדיק הזה", איז פארוואס דארף ער בכלל זאגן נפרצו מעשיהם"?

ד) פארוואס דארף רש"י ברייינגען א דוג' לדבר פון א צווייטן ארט?

וואס דערפון גופא איז פארשטאנדיק אז דער פירוש פון רש"י "מפני שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע נפרצו מעשיהם וחסרו הצדיק הזה" איז ניט אזוי פארשטאנדיק - דערפאר דארף מען האבן א דוג' פון א צווייטן ארט וואו ס'איז געטראפן בדוג' ווי ס'איז געטראפן דא.

לפי"ז דארף מען אבער פארשטיין פארוואס דארף מען האבן א דוגמ' פון יהושפט אויף דער ענין, בשעת מ'האט שוין פריער געלערנט אין רש"י (ר"פ קרח) אז דתן ואבירם האבן זיך משתתף געווען אין דער מחלוקת פון קרח קעגן משה, דערפאר וואס זיי זיינען געווען פון שבט ראובן, וואס זיי זיינען געווען שכנים צו קהת ובניו, און "אוי לרשע אוי לשכנו",

איז דאך דערפון פארשטאנדיק בפשטות פארוואס "מפני שנתחברו להתקרב לעשו הרשע" איז געווען "נפרצו מעשיהם וחסרו הצדיק הזה", ווארום "אוי לרשע או לשכנו"?

מיט נאך כמה דיוקים.

און מ'קען ניט זאגן אז רש"י פארלאזט זיך אויף מפרשי רש"י, וויבאלד אז רש"י לערנט פשש"מ פאר א בן חמש למקרא וואס לערנט נאך ניט קיין מפרשי רש"י.

וכפי שיתבאר לקמן.

**מג.** אין די הערות אויפן זהר בפרשתנו, שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"ג ס"ע שפט ואילך) אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר (ח"ג קעט, ב) אז ר' פנחס בן יאיר האט געבעטן בא ר' שמעון "בפרשתא דא אימא מלה חדתא", און ער איז מבאר:

"מה שביקש רפב"י שיאמר המלה חדתא בפרשת פרה אדומה דוקא, הוא כי רפב"י בחינתו הוא ע"ד אברהם אבינו, כמ"ש בהקדמת הזהר די"א ע"ב.. והנה באברהם כתיב ואנכי עפר ואפר, שבשביל שאמר אפר זכו בניו לאפר פרה כדאיתא בסוטה די"ז ... לכן ביקש שיאמר בפ' פרה דוקא", [און דערנאך איז ער מבאר פארוואס ר' אלעזר איז דער וואס האט בפועל געזאגט די "מלה חדתא", ווארום ס'איז "ע"ד כמו שהפרה הראשונה נעשית באלעזר הכהן כמ"ש ונתתם אותה אל אלעזר הכהן"].

כמדובר כמ"פ אז דער טאטע האט געשריבן זיינע הערות בקיצור נמרץ, און ער האט זיך פארלאזט אז די ענינים וואס ער האט ניט מבאר געווען וועט מען אליין כאפן דער ביאור בזה ע"פ קבלה אדער ע"פ הסידות.

דארף מען פארשטיין:

א) מצד דעם וואס בחינת רפב"י איז ע"ד ווי אברהם אבינו וואלט געווען גענוג אויב ער וואלט געבעטן אז מ'זאל זאגן סתם אן ענין וועגן פרה אדומה - פארוואס האט ער געבעטן דוקא א "מלא **חדתא**"?

ב) א דבר תמוה לגמרי:

אין דער הערה איז ער מבאר די שייכות פון רפב"י, צו דער פרה אדומה ע"פ זה וואס רפב"י איז ע"ד ווי אברהם אבינו וכו'. ולכאו' איז בחי' אברהם אבינו און די בחי' פון פרה אדומה צוויי בחינות הפכיות:

פר איז בחי' גבורה, ובפרט פרה, ווי עס שטייט אין זהר (פרשתנו קפ, ב) "פרה דקבילת מן שמאלא ומאן הוא לשמאלא שור כד"א ופני שור מהשמאל", וכמבואר אין לקו"ת בפרשתנו (נו, ג).

עד"ז איז דער ענין פון אדומה - בחי' גבורה (זהר שם) ובפרט א פרה אדומה וואס האט ניט געטארט האבן אפילו ב' שערות וואס זיינען ניט קיין אדומות, מיט נאך כמה פרטים בענין זה.

וואס דאס באווייזט אז ענינה פון א פרה אדומה איז **אינגאנצן** גבורות.

משא"כ בחי' אברהם אבינו איז - בחי' חסד, ווי עס שטייט "אברהם אוהבי", און אברהם איז אויך געווען א מכניס אורח, א חסדן.

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי ער קען פארגלייכן אין דער הערה די בחי' פון פרה אדומה מיט דער בחי' פון אברהם אבינו.

און אע"פ אז עס שטייט אין גמ' אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך, ווי ער ברייננגט אין דער הערה - שטעלט דאס נאר איבער די שאלה פון דער הערה אויף די גמ'.

וכפי שיתבאר לקמן.

**מד.** בנוגע צו פרקי אבות - האט נטיקן פרק (פ"ה) א שייכות מיוחדת בגלוי מיט דער ענין פון מאה שנה להולדת בעל המאסר והגאולה פון י"ב י"ג תמוז, וואס אין סיום וחותם פון דעם פרק שטייט: "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

דארף מען פארשטיין:

א) וואס זיינען די דריי לשונות פון "מת" און "ועבר" און "ובטל" - וואס לכאו' האבן זיי אלע דער זעלבער תוכן?

ובפרט אז משנה איז דאך "בלשון קצרה", ווי דער רמב"ם שרייבט - דארף דער משנה לכאו' שרייבן דעם ענין וואס מער בקיצור, און זיכער ניט מכפיל זיין דער זעלבער ענין.

ב) דער סדר פון די דריי ענינים: פריער קומט "מת", און דערנאך "ועבר", און דערנאך "ובטל"?

ג) וואס איז דער "מילתא דחסידותא" אין דעם ענין פון "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם"?

**מה.** דער ביאור אויף דער דריטע שאלה איז מבואר אין ספרי מוסר און אין חסידות:

במשך ימי חייו פון א מענטשן געפינט זיך זיין נשמה אין א גוף "אין עולם מלשון העלם והסתר" "לעלם חסר כתיב".

בשעת איינער קומט צו די דרגא פון "בן מאה" איז ער "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם": דער עולם מלשון העלם והסתר איז ביי אים ניטא, ובלשון הידוע: ער זעט דעם כח הפועל בנפעל.

ובמילא איז דער עבודה פון א "בן מאה" גאר אין א העכערער אופן ווי זיין עבודה איז געווען איידער ער איז געווארן "בן מאה" - וווארום אין אופן פון

"כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" ער שטעלט העכער פאר דער גאנצער העלם והסתר פון וועלט.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער פירוש פון "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" איז ניט דער ענין פון מיתה כפשוטו, נאר דאס איז א "מיתה" בעבודתו שלו פון די ענינים (דער העלם והסתר פון עולם וואס זיינען ביי אים געוועץ איידער ער איז נתעלה געווארן צו "בן מאה") און דער "מיתה" איז א הכנה אז ער זאל דערנאך קענען נתעלה ווערן צו דער העכערער שלב פון עבודה פון א "בן מאה" כדלקמן.

און ווי ס'איז אויך מוכח דערפון וואס מ'זעט אז עס זיינען דא כמה מענטשן וואס לעבן נאך מאה שנה, ווארום "כיון דאפליג אפליג".

אנהויבנדיק ווי דאס איז געווען בא די אבות, אברהם יצחק און יעקב, וואס אפילו יעקב, דער צעיר שבאבות, האט געלעבט מערער פאר מאה ועשרים שנה, ועאכו"כ אברהם, ועאכו"כ יצחק וואס ער האט געלעבט די מערסטע יארן פון אלע אבות, תגבורת החיות.

וואס וויבאלד אז זיי האבן געלעבט מערער פאר מאה שנה, קען מען דאך ניט זאגן אז בא זיי איז דער ענין פון "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" אן ענין פון מיתה כפשוטו, נאר מ'מוז זאגן אז "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" איז א דרגא אין עבודה צו וועלכע זיי זיינען צוגעקומען ווען זיי זיינען געווארן "בן מאה".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו מאה שנה להולדת בעל המאסר והגאולה - אז דעמאלט ווערט ער נתעלה צו א העכערע דרגא פון די דרגא ווי ער איז געשטאנען פאר מאה שנה.

און די העכערע דרגא אין עבודה באשטייט פון דעם וואס עס ווערט אן ענין פון "מיתה" אין די נידעריקער דרגא אין עבודה איידער ער איז געווארן "בן מאה".

וע"ד מארז"ל "אין התורה מתקיימת אלא במי שממית עצמו עלי'", וואס דער פירוש אין דעם איז כמובן ניט, אז ביי אים איז דער ענין פון מיתה כפשוטו, נאר זיין עבודה איז אין אזא אופן אז ער איז אזוי איבערגעגעבן און ארייינגטאן אין תורה אז אלע אנדערע ענינים חוץ פון דער ענין התורה זיינען ביי אים אין א אופן פון "מיתה".

**מו.** והביאור בזה איז ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין חינוך קטן דעם פסוק "שבע יפול צדיק וקם", אז דאס מיינט, אז בשעת מ'גייט פון איין מדריגה צו א העכער מדריגה איז "טרם שיגיע למדריגה עליונה ממנה הוא בבחי' נפילה ממדריג' הראשונה", "ואינה נקראת נפילה אלא לגבי מדריגתו הראשונה ולא לגבי שאר כל אדם ח"ו".

ובדוגמא ווי די גמ' (ב"מ פה, א) דערציילט בנוגע צו ר' זירא, אז "כי סליק לארעא דישראל יתיב מאה (מ') תעניתא דלשתכח גמ' בבלאה מיני' כי היכא דלא נטרדי'" און ער זאל קענען לערנען תלמוד ירושלמי.

וויבאלד אז ר' זירא האט געוואלט נתעלה ווערן פון א נידעריקערער מדריגה, די דרגא פון תלמוד בבלי, צו א העכערע מדריגה, די דרגא פון תלמוד ירושלמי - האט ביי אים פריער געדארפט זיין דער ענין השכחה אין תלמוד בבלי (אין די נידעריקערע דרגא), דער "נפילה ממדריג' הראשונה" (וואס שכחה איז דער ענין הנפילה), בכדי אז ער זאל דערנאך קענען נתעלה ווערן צו א העכערע מדריגה, די דרגא פון לימוד תלמוד ירושלמי.

אבער דער ענין השכחה און נפילה וואס איז ביי אים געווען צווישן תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי, "אינה נקראת נפילה אלא לגבי מדריגתו הראשונה ולא לגבי שאר כל אדם ח"ו".

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם":

בכדי צוקומען צו די העכערע דרגא אין עבודה פון א "בן מאה", וואס ביי אים איז ניטא דער העלם והסתר פון וועלט - דארף פריער זיין דער ענין ה"מיתה", וואס דאס איז דער ענין פון "נפילה ממדריג' הראשונה" (ווי עס שטייט אין חינוך קטן), ווי עס שטייט אין זהר אז "מאן דנפל מדרגי' איקרי מת", וואס דער מיתה ונפילה איז א הכנה אז ער זאל דערנאך קענען צוקומען צו א העכערע שלב בעבודה,

אבער לאידך איז דער ענין המיתה ונפילה "אינו נקראת נפילה לגבי מדריגתו כו'".

**מז.** וע"ד ווי עס שטייט אז לע"ל וועט זיין "נער בן מאה שנה ימות", ולכאו': לע"ל וועט דאך ניט זיין קיין מיתה, איז ווי קען מען זאגן אז "נער בן מאה שנה **ימות**"?

איז די הסברה בזה, כנ"ל: בכדי אז דער "נער" זאל נתעלה ווערן צו א העכערע שלב אין עבודה ווען ער ווערט "בן מאה שנה", דארף ביי אים זיין דער ענין המיתה ונפילה פון די דרגא וואו ער איז געשטאנען לפנ"ז, וואס לגבי מדריגתו הראשונה ווערט די נפילה אנגערופן "ימות".

בדוגמא לזה, אז מיתה איז נאר א הכנה צו א העכער שלב אין עבודה, געפינט מען אויך אין נגלה:

די גמ' זאגט אז "שעה אחת קודם תחה"מ" וועלן צדיקים זיין חוזרן לעפרן בכדי צו מקיים זיין דעם "עפר אתה ואל עפר תשוב".

ס'איז דאך אבער מעצמו מובן אז דער "אל עפר תשוב" פון צדיקים "שעה אחת קודם תחה"מ", איז אינה בדומה צו דעם "אל עפר תשוב" פון אלע מענטשן, וואס בא אלע מענטשן איז דאס (אויך) אן ענין פון מיתה כפשוטו, משא"כ בא צדיקים איז דאס **נאר** א הכנה צוצוקומען צו א העכערע שלב אין עבודה אין תחה"מ.

**מח.** לאחרי כל הביאור הנ"ל אין דעם "מילתא דחסידותא" פון "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" - בלייבט נאך אבער ניט פארשטאנדיק וואס זיינען די דריי לשונות פון "מת" און "ועבר" און "ובטל".

נאך אן ענין וואס צריך ביאור אין דעם פרק:

ס'איז דאך ידוע אז פונקט אזוי ווי ס'איז דא דער כלל פון "נעוץ תחלתן בסופן", עד"ז איז דא דער כלל פון "נעוץ סופן בתחלתן" - דארף מען פארשטיין וואס איז דער "נעוץ סופן בתחלתן" אין דעם פרק (פרק ה').

איז דער ענין בזה בפשטות:

דער סיום הפרק איז דאך, כאמור, "בן מאה שנה כו'", עד"ז אין התחלת הפרק רעדט זיך וועגן כמה ענינים, והביאור בזה:

אין התחלה פון דעם פרק רעכנט די משנה אויס כמה ענינים וואס זיינען דא במספר עשרה, אנהויבנדיק פון "בעשרה מאמרות נברא העולם", ביז "עשרה דברים נבראו בערב שבת בין השמשות" [וואס דאס איז דער איצטיקער זמן אין גלות].



הנחה פרטית בלתי מוגה

אז מ'צײלט איבער װיפיל ענינים רעכנט ער אױס װאס זײנען דא אין במספר עשרה - געפינט מען עלף ענינים װאס זײנען דא במספר עשרה.

אבער באמת איז דאס נאר צען ענינים װאס ז ינען דא בנ :ר עשרה - װארום "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים", און "עשר מכות הביא הקב"ה על מצרים" זײנען ניט קײן 20 ענינים, נאר צען ענינים, װאס די זעלבע צען ענינים זײנען געװען בא די מצריים מכות, און בא ישראל - נסים.

װי מפרשים טײטשן אז די "עשרה נסים" װאס "נעשו לאבותינו במצרים" זײנען דאס װאס די אידן זײנען אפגעהיט געװארן פון די "עשרה מכות" װאס "הביא הקב"ה על מצרים".

[ע"ד װי עס שטײט אין דער ערשטער משנה, "בעשרה מאמרות נברא העולם ומה תלמוד לומר, והלא במאמר אחד יכול להבראות, אלא להפרע מן הרשעים שמאבדין את העולם שנברא בעשרה מאמרות, ולתן שכר טוב לצדיקים שמקימין את העולם שנברא בעשרה מאמרות".

עד"ז ובעניננו, אז די זעלבע צען ענינים װאס זײנען געװען צען מכות פאר די מצריים זײנען געװען עשר נסים פאר די אידן.

נאר אין דער ערשטער משנה איז ער כולל בײדע ענינים פון די עשרה מאמרות אין אײן עשרה, משא"כ אין דער אנדער משנה װיל ער מערער מפרט זײן אז דאס זײנען געװען "עשרה נסים" װאס "נעשו לאבותינו במצרים" און "עשר מכות" װאס "הביא הקב"ה על המצריים", דערפאר רעכנט ער זײ פאר צװײ באזונדערע סוגים פון עשרה].

עפ"ז קומט דאך אױס אז דער משנה רעכנט אױס צען ענינים װאס זײנען במספר עשרה - איז דאך דאס עשר פעמים עשר ענינים, ד.ה. מאה ענינים.

װאס דאס איז דער "נעוץ סופן בתחלתן", פון סיום הפרק "בן **מאה** שנה כו'" מיט התחלת הפרק, װאו ער רעכנט אױס **מאה** ענינים.

דאס איז אבער נאר דער **שייכות** ביניהם מצד דעם מספר, עס דארף אבער אױך זײן א **שייכות** ביניהם בתוכן הענינים,

וכפי שיתבאר לקמן.

**מס.** אין דעם בעל יום הולדת פון י"ב תמוז, בשנה זו, שנת המאה להולדתו, זײנען אױך דא צװײ ענינים פון מאה (ע"ד װי די צװײ ענינים פון מאה בהתחלת פרק חמישי אין פרקי אבות ובסיומו, כדלקמן):

בשעת לידתו האט ער געהאט אין זיך **בכח** די מאה שנה װאס זײנען בשנה זו (שנת המאה להולדתו) ארױס בפועל, ע"ד װי די "ימים **הנכנסין**" בחנוכה.

בשנה זו, שנת המאה להולדתו, זײנען בײ אים דא **בפועל** די מאה שנה, ע"ד װי די "ימים **היוצאין**" בחנוכה.

און די צװײ ענינים פון מאה בא דעם בעל יום הולדת פון י"ב תמוז, מאה שנה בכח (בשעת לידתו) און מאה שנה בפועל (בשנה זו), זײנען ע"ד װי די צװײ ענינים פון מאה בהתחלת פרק חמישי אין פרקי אבות, "בעשרה מאמרות נברא העולם" וכו', און בסיום הפרק, "בן מאה שנה כו'":

בשעת לידתו איז בײ אים געװען דער "משביעין אותו תהי צדיק ואל תהי רשע", װי דער אלטער רבי ברײנגט אראפ אין תניא (רפ"א) פון די גמ' נדה,

וואס דאס איז דער נתינת כח וואס מ'גיט דעם ולד, בכדי ער זאל דערנאך קענען עובד זיין עבודתו בשלימות, ובפרט לויט דעם פירוש אז "משביעין" איז מלשון "שובע".

דערנאך ווען ער וואקסט אויף דארף ביי אים זיין "כל יומא ויומא עביד עבידתי'" און ארויסברייננגען דאס מן הכח אל הפועל אין עבודה בפועל, ביז ער קומט אן בעבודתו צו דער שלימות פון מאה שנה בפועל, וואס ביי אים איז "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", אינגאנצן העכער פאר דער העלם והסתר פון וועלט.

דעמאלט שטייט אבער ביי אים דער נתינת כח פון "משביעין אותו תהי צדיק ואל תהי רשע" נאר **בכח**.

ע"ד ווי דאס איז אין עולם, אז אין דער בריאה, "בעשרה מאמרות נברא העולם", שטייט בכח דער ענין פון "להפרע מן הרשעים שמאבדין את העולם שנברא בעשרה מאמרות" (ע"ד ווי "משביעין אותו.. אל תהי רשע") און דער ענין פון "לתן שכר טוב לצדיקים שמקימין את העולם שנברא בעשרה מאמרות" (ע"ד ווי "משביעין אותו תהי צדיק").

ב. וואס דערפון האט מען נאך אן ענין וואס מ'קען רעדן מיט די קינדער בקשר מיט י"ב י"ג תמוז:

בשעת מ'דערציילט זיי וועגן דער גאולה פון י"ב י"ג תמוז, און וועגן דעם בעל הגאולה, ווער ער איז געווען און די אלע ענינים וואס ער האט געטאן, מיט די אלע הפלאות שבזה, און מ'דערציילט זיי אויך א סיפור פארבונדן דערמיט -

דארף מען זיי אויך דערציילן אז די גאולה איז א מעשה וואס איז געטראפן מיט 53 יאר צוריק, און דער בעל הגאולה איז געבארן געווארן מיט 100 יאר צוריק.

און דאס וואס איז געטראפן מיט אים מיט 53 יאר צוריק ובמשך כל ימי חייו איז ניט א זאך וואס האט זיך דעמאלט אנגעהויבן, נאר דאס האט זיך אלץ.אנגעהויבן ווען ער איז געבארן געווארן, ווארום דעמאלט זיינען אלע ענינים וואס זיינען דערנאך געטראפן מיט אים געשטאנען בכח, און דעמאלט איז ער ניט געווען אן עלטערער מענטש, נאר ער איז געווען א תינוק בן יומו, פונקט ווי עס זיינען די אלע קינדער מיט וועמען מ'רעדט.

און איצטער - דערציילט מען זיי ווייטער - איז געווארן 100 יאר בפועל זינט ער איז געבארן געווארן, און ער איז נאך אלץ "בחיים", ווארום "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים".

און דאס וואס "זרעו" זיינען "בחיים" זעט איר (די קינדער) בפשטות דערפון וואס דאס וואס מיר רעדן איצטער מיט אייך וועגן אידישקייט, איז דאס דערפאר וואס מיר זיינען "זרעו", פירות און פירי פירות פון דער מס"נ פון דעם בעל הגאולה!

וואס דאס זעט מען בפועל ממש, אז היינט צו טאג זיינען דא פירות און פירי פירות פון דעם בעל הגאולה, וואס האלטן זיך מיט אידישקייט, ביז אז זיי זיינען מקיים מצוות בהידור, נאר בזכותו.

און, כאמור, מ'דערציילט די קינדער אז דאס אלץ איז שוין געשטאנען בכח בא דעם בעל הגאולה בעת ער איז געווען א תינוק בן יומו.

נא. וואס דורך דערויף וואס מ'דערציילט דאס די קטנים וקטנות, אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס דער בעל הגאולה איז געווען ווער ער איז געווען, און ער האט געהאט אזא פאטער און מוטער, ער האט באקומען אזא חינוך, און ער איז געווען אזא



הי' ה פ... בלהי... ה

מין נשמה - איז ער אבער אויך אמאל געווען א תינוק בן יומו, און דעמאלט זיינען געווען נכלל בכח אלע ענינים וואס זיינען דערנאך ארויס פון אים -

איז עד"ז קען יעדער קינד אפי' א תינוק בן יומו איז אויף אים החיוב אז ער זאל אזוי זאגן ("כל אחד ואחד מישראל **חייב** לומר כו'") און ער ווייסט ניט דערפון ווייל ער זיכער אויף דערויף וואס ער ווייסט ניט אז ער האט אזא חיוב.

און דערנאך איז מען מפייס, אזוי ווי פועה האט געטאן(ראה גם שיחה למסיימות ה' תמוז) - אז ער וועט זיכער צוקומען **צו** "מעשה אבותי אברהם יצחק ויעקב".

און דורך דערויף וואס מ'קלייבט צוזאמען די קינדער, ביז אין אן אופן **פון** "עשרה שיושבין ועוסקין בתורה", און זעלבספארשטענדליך אז מ'פארגעסט ניט וועגן אויפטאן דאס אויך מיט זיך -

שטעלט מען אויף "צבאות ה'", אויף גייען מקבל זיין פני משיח צדקנו.

**נג.** דער ביאור אין פירוש רש"י:

רש"י'ן איז שווער דא אין פסוק פארוואס שטייט בכלל די ווערטער "על גבול ארץ אדום" - עס שטייט דאך אין פסוק "בהר ההר", ווייסט מען דאך וואו דאס איז געווען.

אפי' אויב מ'וועט זאגן אז דער פסוק וויל מציין זיין וואו הר ההר איז געווען [ע"ד ווי אין התחלת פ' דברים, זאגט דער פסוק פונקט וואו דער אויבערשטער האט גערעדט מיט משה'ן] - האט דאס דער פסוק געדארפט זאגן מיט א פסוק שלפנ"ז וואו עס ווערט דערמאנט דעם ערשטן מאל הר ההר, "ויסעו מקדש ויבאו בני ישראל כל העדה הר ההר", און ניט זאגן ערשט דעם צווייטן מאל ווען עס ווערט דערמאנט הר ההר אז דאס איז "על גבול ארץ אדום" "ויאמר ה' אל משה ואל אהרן בהר ההר על גבול ארץ אדום".

ד.ה. ממה נפשך: לכאו' זיינען די ווערטער "על גבול ארץ אדום" איבעריק דא אין פסוק, און אפילו אויב דאס דארף יע שטיין, דארף עס שטיין ניט אין דעם פסוק, נאר אין דעם פסוק שלפנ"ז.

דערפון איז רש"י מוכיח אז "על גבול **ארץ** אדום" האט קיין שייכות ניט מיט ביאת בנ"י צו דעם מקום ("ויבאו בנ"י כל העדה הר ההר") - נאר דאס איז פארבונדן מיט אמירת הקב"ה בפסוק זה צו משה ואהרן ("ויאמר ה' אל משה ואל אהרן"), וואס דער תוכן פון אמירה זו איז - מיתת אהרן.

דערפאר איז רש"י מפרש אז די ווערטער "על גבול ארץ אדום" דא אין פסוק קומט אונז לערנען א נייער זאך - אז די אידן "נתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע", און דאס האט גורם געווען אז "חסרו הצדיק הזה", אז אהרן זאל דעמאלט נסתלק ווערן, והביאור בזה:

"**על גבול** ארץ אדום" מיינט אז ס'איז טאקע ניט **אין** ארץ אדום, אבער לאידך איז דאס דער נעענסטער ארט וואו מ'קען שטייען ניט ארייננגייענדיק אין איר, ווארום מ'שטייט אויפן גבול, אויפן בארג פון אדום, ד.ה. אז מ'שטייט בהתחברות מיט ארץ אדום.

און דערפאר זאגט רש"י אז "**על גבול** ארץ אדום" לערנט אונז אז "**נתחברו** כאן להתקרב לעשו הרשע" - ווארום דאס וואס אידן זיינען געגאנגען "**על גבול** ארץ אדום" באווייזן אז זיי האבן זיך געוואלט **מחבר** זיין מיט ארץ אדום ויושבי'.



הנחה פרטית בלתי מוגה

נד. אויף דערויף איז אבער די שאלה: דער ענן האט דאך געפירט די אידן וואו היין צוגיין, האט דאך דער ענן געפירט די אידן "על גבול ארץ אדום" - איז וואס זיינען אין דערויף שולדיק די אידן?

איז דער ביאור בזה:

דער ענן האט די אידן געפירט נאר צו הר ההר, ווי עס שטייט אין דעם פסוק שלפנ"ז, "ויסעו מקדש ויבאו בנ"י כל העדה הר ההר", וואס הר ההר איז טאקע בסמיכות צו גבול ארץ אדום - אבער פונקט ווי ס'איז דא א זייט פון הר ההר וואס איז נענטער צו גבול ארץ אדום, עד"ז איז דא א זייט פון הר ההר וואס איז ווייט פון גבול ארץ אדום, כמובן בפשטות אז דער שטח פון הר ההר איז געווען א שטח גדול, באורך ורוחב וכו'.

ובפרט אז מחנה ישראל איז דאך געווען ג' אלפי פרסא - איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז די אידן זיינען געווען פארשפרייט אין א שטח גדול ארום הר ההר, אנדערע נענטער צו גבול ארץ אדום, און אנדערע גאר ווייט פון גבול ארץ אדום.

און אעפ"כ שטייט אין פסוק "על גבול ארץ אדום", איז דערפון א ראי' אז דאס וואס די אידן זיינען געגאנגען "על גבול ארץ אדום" איז געווען על דעת עצמם, "שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע".

און דער טעם פארוואס רש"י באווארענט דאס ניט איז:

א) דערפאר וואס ס'איז מעצמו מובן אז דער שטח ארום הר ההר, וואס דער ענן האט זיי געפירט, איז געווען א שטח גדול, און די אידן זיינען ניט געווען מוכרח צו גיין "על גבול ארץ אדום", און אעפ"כ שטייט אין פסוק "על גבול ארץ אדום", איז דערפון א ראי' אז די אידן זיינען דארטן געגאנגען על דעת עצמם, כנ"ל.

נאכמער פארשטאנדיק: ב) אין די פריערדיקע פסוקים זעט מען א מאדנע זאך:

די אידן האבן זיך געשפארט צו דוקא אריינגיין אין ארץ אדום, ווי דער פסוק דערציילט אז אפילו נאך דערויף וואס משה האט געבעטן מלך אדום (דורך די "מלאכים") "נעברה נא בארצך גו'", און אדום האט געענטפערט "לא תעבור בי פן בחרב אצא לקראתך" - האבן זיך די אידן געשפארט און אים געזאגט "במסלה נעלה גו'", און דערנאך האט אדום געזאגט נאכאמאל (שם, כ) "לא תעבור, ויצא אדום לקראתו בעם כבד וביד חזקה", און ערשט ווען "וימאן אדום נתן את ישראל עבור בגבולו" (כא), איז דעמאלט "ויט ישראל מעליו".

וואס פון דער גאנצער סיפור (וואס מ'געפינט ניט בשעת די אידן האבן געוואלט דורכגיין ארץ סיחון) זעט מען אז די אידן האבן געוואלט נתחבר ווערן מיט ארץ אדום, במילא דארף רש"י ניט מפרש זיין בפירוש פארוואס ער זאגט "שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע".

נה. דערנאך איז רש"י ממשיך מפני שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע נפרצו מעשיהם וחסרו הצדיק הזה":

דער טעם אויף מיתת אהרן בכלל פאר דעם וואס מ'איז אריינגעגאנגען אין ארץ ישראל - זאגט דער פסוק בפירוש: "על אשר מריתם את פי למי מריבה".

דאס איז אבער נאר א טעם אויף מיתתו פאר דעם וואס אידן זיינען אריין אין א"י - אבער פארוואס איז געווען מיתתו מיט א משך זמן פאר דערויף?

און ווי ס'איז מודגש אין דער פסוק אליין: דער פסוק זאגט "על אשר מריתם את פי למי מריבה", "מריתם" לשון רבים, ווארום דאס גייט סיי אויף אהרן און סיי



הנחה פרטית בלתי מוגה

אויף משה, אז פטירתם פון ביידע איז געווען פאר דעם וואס אידן זיינע אריין אין א"י - אבער מיתת משה איז געווען ז' אדר אין דעם קומענדיקן יאר, גלייך פאר דעם וואס אידן זיינען אריין אין א"י, משא"כ מיתת אהרן איז געווען ר"ח אב, א האלב יאר פאר דערויף - איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז מיתת משה און מיתת אהרן זיינען ביידע געווען פאר דעם וואס אידן זיינען אריין אין א"י צוליב דעם זעלבן חטא - איז פארוואס איז מיתת אהרן געווען א האלבע יאר פאר דעם מיתת משה?

אויף דערויף ענטפערט רש"י: "מפני שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע נפרצו מעשיהם והסרו הצדיק הזה":

וויבאלד אז די אידן האבן איצטער געזינדיקט ("נתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע") האט דאס גורם געווען אז בא זיי זאל זיין "חסרו הצדיק הזה" **איצטער**, ניט א האלבע יאר שפעטער ווי מיתת משה.

**נו.** וואס דאס איז אויך דער "**חסרו** הצדיק הזה":

מצד אהרן אליין, וואס ער האט עובר געווען אויף דעם חטא פון מי מריבה - האט ער טאקע געדארפט נסתלק ווערן, אבער ער האט געקאנט נסתלק ווערן גלייך פאר דעם וואס די אידן זיינען אריין אין א"י [וכמובן בפשטות אז ביי אים איז ניט געווען דער חטא פון "נתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע"].

פארוואס איז ער נסתלק געווארן פאר זיין צייט - ניט מצד **זיין** חטא, נאר מצד דעם חטא פון די אידן, "שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע", וואס דאס האט גורם געווען אז ביי **זיי** האט געדארפט זיין "**חסרו** הצדיק הזה" בא זיי האט געדארפט פעלן אהרן, דערפאר וואס זיי האבן חוטא געווען.

און ווי ס'איז מוכח דערפון גופא וואס רש"י זאגט (פרשתנו כא, א) אז ווען "מת אהרן" איז "נסתלקו ענני הכבוד", דלכאו' איז ניט פארשטאנדיק: אויב מיתת אהרן דעמאלט איז געווען צוליב **זיין** חטא בא די מי מריבה - איז פארוואס זאל בא די אידן פעלן די ענני הכבוד צוליב דעם - עס האט געדארפט זיין מיתת אהרן און אעפ"כ זאלן די ענני הכבוד בלייבן?.

ועי"ד ווי בשעת ס'איז געווען "כל הנחשלים אחריך", האט דער אויבערשטער ניט אוועקגענומען די ענני, נאר ער האט געפונען א צווייטע עצה, ווארום "כמה שלוחים למקום" - "שהל' הענן פולטן" (ווי גערעדט אמאל, און שוין איצטער אויך אפגעדרוקט (ליקוט חוקת ש.ז.)).

עד"ז בעניננו: אפילו אויב עס האט געדארפט זיין מיתת אהרן האט דער אויבערשטער געדארפט געפינען א צווייטע עצה אז די ענני הכבוד זאלן בלייבן פאר די אידן?

איז דערפון גופא מוכרח, אז דאס וואס אהרן איז דעמאלט נסתלק געווארן איז ניט געווען צוליב זיין חטא, נאר צוליב דער חטא פון די אידן, במילא האט בא זיי געדארפט זיין "חסרו הצדיק הזה", אלס אן עונש פאר זייער חטא, און במילא האט בא זיי געפעלט די ענני הכבוד.

**נז.** דער דיוק אין דעם וואס רש"י זאגט אז "מפני שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע **נפרצו מעשיהם**":

דער ענין וואס בא די אידן איז געווען "חסרו הצדיק הזה" צוליב דעם חטא - איז נאר א חסרון וואס בא זיי האט געפעלט מכאן ולהבא, אבער ניט א חסרון אין די עניינים וואס זיי האבן געהאט פאר דערויף.

משא"כ "נפרצו מעשיהם" איז דער פירוש אז אויך אין די ענינים וואס די אידן האבן געהאט ("מעשיהם") פון פריער איז געווארן "נפרצו".

ווי דער פסוק דערציילט ווייטער, אז צוליב מיתת אהרן (וואס דער חטא האט גורם געווען) איז געווען "וישמע הכנעני גו' וילחם בישראל וישב ממנו שבי" (כא, א), וואס דער ענין פון שבי איז אז מ'פילנגט אײַן א זאך וואס יענער האט געהאט פון פריער, דער ענין פון "נפרצו מעשיהם" - אז אויך אין די ענינים וואס אידן האבן געהאט פון פריער, איז געווארן "וישב ממנו שבי".

**נח.** דער ענין אז "מפני שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע" איז געווארן "נפרצו מעשיהם", אז בא זיי האט געפעלט ניט נאר אין די ענינים מכאן ולהבא, נאר אויך אין די ענינים וואס זיי האבן געהאט פון פריער - איז ניט אזוי גלאטיק - ווארום פארוואס זאל בא זיי טאקע פעלן אין א זאך וואס זיי האבן שוין געהאט פון פריער, וואס זיי האבן דאס באקומען בתור שכר?!

דערפאר דארף רש"י ברענגען א דוגמ' פון נאך א פאל וואו ס'איז געטראפן די זעלבע זאך וואס איז דא געטראפן, און דאס האט גורם געווען אז עס זאל פעלן אויך אין אן ענין וואס איז געווען פון פריער:

פון דעם וואס עס שטייט פריער אין רש"י אז "אוי לרשע או לשכנו", און דערפאר האבן זיך דתן ואבירם משתתף געווען אין מחלוקת קרח - איז קיין ראי' ניט בנדו"ד - ווארום:

דארטן האט דער אויבערשטער געהייסן אז מחנה ראובן זאל שוין זיין לעבן מחנה קהת (לוי), ס'איז נאר אז דתן ואבירם האבן זיך געדארפט היטן בשעת זיי זעען אז זיי האבן שלעכטע שכנים - אבער קיין ענין פון "נתחברו" פון זייער זייט איז ניט געווען.

משא"כ בנדו"ד האט דער אויבערשטער געפירט די אידן נאר צום הר ההר, און די אידן על דעת עצמם זיינען געגאנגען "על גבול ארץ אדום", "נתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע".

דערפאר ברענגט רש"י א דוגמ' פון יהושפט, וואס דארטן איז געטראפן די זעלבע זאך וואס איז דא געטראפן - "וכן הנביא או' ליהושפט **בהתחברך** עם אחזיהו פרץ ה' את מעשיך":

ווײַבאלד אז יהושפט האט זיך **מחבר** געווען מיט אחזיהו (על דעת עצמו), האט דאס גורם געווען "פרץ ה' את מעשיך", וואס דאס איז באשטאנען אין דעם, ווי דער פסוק איז גלייך דערנאך ממשיך: וישברו אניות גו'", וואס דאס איז א חסרון אין א ענין וואס איז שוין געווען בא יהושפט פון פריער: ער האט געהאט שיפן, אריינגעלייגט כחות אין זיי בויען, געדארפט האבן געלט פאר זיי וכו' - און צוליב דערויף וואס ביי אים איז דערנאך געווען "בהתחברך עם אחזיהו" האט דאס גורם געווען א חסרון אין די אניות וואס ער האט שוין פון פריער געהאט, "וישברו אניות גו'".

און אזוי ווי בנדו"ד איז דער אויבערשטער דער וואס האט געזאגט "על גבול ארץ אדום", און ווי רש"י טייטשט "מפני שנתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע נפרצו מעשיהם וחסרו אותו הצדיק" - עד"ז אין דער דוגמ' פון יהושפט, איז דער נביא דער וואס האט געזאגט צו יהושפט "בהתחברך עם אחזיהו פרץ ה' את מעשיך", וואס א נביא איז בדוגמ' צו דער אויבערשטער, ווארום ער גיט איבער דבר ה'.

נס. מ'דארף נאך אבער פארשטיין:

פונקט ווי מ'האט פריער געפרעגט (סב"ו) אז ווי קען פעלן אין אידן אויב דאס איז געווען א חטא פון אהרן - עד"ז איז די שאלה לאידך גיסא: ווי האט געקאנט פעלן אין אהרן, אז ער זאל נסתלק ווערן פאר זיין צייט, צוליב דעם חטא פון די אידן, וואס "נתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע"?!

וכפי שיתבאר לקמן, און אויך די הוראה וואס איז דא אין דערויף.

**ס.** דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

דא רעדט זיך ניט וועגן דער פרה אדומה ווי זי איז א מציאות בפ"ע, וואס דעמאלט איז זי טאקע בחי' גבורות, נאר דא רעדט זיך ווי ס'איז דא דער ענין פון "מינה ובי' אבא לישדי בי' נרגא" אין דער פרה אדומה, ובלשון החסידות - דער ענין פון המתקת הגבורות, אדער ביטוש הגבורות מיט די אלע לשונות בזה, ד.ה. אז די גבורות אליין ווערן נמתקים.

- וע"ד ווי ס'איז געווען בא די מי מרה, וואס "לא יכלו לשתות מים ממרה כי מרים הם" (בשלח טו, כג), ביז אז "ויורהו ה' עץ וישלך אל המים וימתקו המים" (שם, כה), וואס דער עץ איז געווען אן עץ מר, און דאס גופא האט ממתיק געווען די מי מרים - דער ענין פון "מינה ובי' אבא לישדי בי' נרגא", המתקת הגבורות מצד עצמם.

וואס איז דער פרה אדומה, איז דאס דער ענין וואס מ'מאכט פון "פרה", בחי' גבורות, "דקבילת מן שמאלא" - אז עס זאל זיין "אפר", ד.ה. אז מ'נעמט צו דער "ה"י" בסוף תיבת "פרה", וואס דאס איז דער מקור פון אלע ענינים בלתי רצויים, און מ'לייגט צו אן "אל"ף" בהתחלת התיבה - און עס ווערט "אפר", וואס דאס איז ע"ד ווי דער "אל"ף" פון "אחד", וואס דער "אל"ף" איז דער אל"ף פון "אלופו של עולם", וואס מאכט איבער דער "ח"", ז' רקיעים והארץ, מיט דער "ד'", ד' רוחות העולם, ווי עס שטייט אין סמ"ק, געבראכט אין ב"י.

וואס דאס איז דער ענין פון המתקת הגבורות - אז פון די גבורות פון פרה אדומה גופא, ווערט "מינה ובי' אבא לישדי בי' נרגא" - דער ענין החסד.

און ווי דער ענין פון "מינה ובי' אבא לישדי בי' נרגא" איז דא אין שריפת הפרה גופא - וואס מ'איז שורף דער פרה אדומה, בחי' גבורות, און דערפון ווערט אפר, און דערנאך איז "ונתן עליו מים חיים אל כלי", וואס "מים חיים" איז דער ענין פון חסד מלכתחילה (ניט חסד וואס ווערט ע"י המתקת הגבורות), און דאס איז מטהר פון טומאת מת.

און דורך דערויף וואס מ'איז מהפך "פרה" צו "אפר", דער ענין פון המתקת הגבורות - ווערט אויפגעטאן נאך א טיפערער ענין פון חסד (תכלית השלימות פון חסד) ווי דער ענין החסד איז מצ"ע, ווארום דא האט מען אויפגעטאן אז די גבורות אליין זאלן ווערן נמתקים, דער ענין פון "לאכללא שמאלא בימינא", און נאך העכער, מיט די אלע ביאורים אין דעם ענין פון המתקת הגבורות.

**סא.** דער כח אז מ'זאל קענען איבערמאכן פון "פרה" עס זאל זיין "אפר", המתקת הגבורות, תכלית השלימות פון חסד - קומט פון אברהם אבינו וואס ביי אים איז געווען דער "ואנכי עפר ואפר".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק די שייכות פון דער פרה אדומה צו בחי' אברהם אבינו (און בחי' רפב"ל) - ווארום בכח פון אברהם אבינו וואס ענינו חסד, ווערט אויפגעטאן המתקת הגבורות פון דעם פרה אדומה, וואס דאס איז תכלית השלימות פון חסד, נאך העכער פאר חסד מצ"ע.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און אויך דער ענין פון המתקת הגבורות, תכלית השלימות פון הסד - געפינט מען דוגמתו בא רפב"ל:

רפב"ל האט במיוחד געטאן אין פדיון שבויים, וואס פדיון שבויים איז אויך כולל דער פדיון פון די ניצוצות קדושה וואס געפינען זיך בשבי' אין עוה"ז הגשמי והחומרי,

ד.ה. אז וואו נאר א ניצוץ האט זיך געפונען אין ק"נ אדער נידעריקער דערפון - האט זיך רפב"ל משתדל געווען צו דאס ארויסנעמען פון דארטן.

וואס דאס איז דער ענין פון המתקת הגבורות, אז די גבורות אליין איז מען מהפך צו חסדים, "מינל' ובל' אבא לישדי' בי' נרגא".

עד"ז געפינט מען ביי אברהם אבינו:

אברהם האט מגייר געווען "את האנשים", וואס דאס איז ע"ד דער ענין פון פדיון שבויים - ווארום כידוע אז א גר קודם שנתגייר האט אין זיך אויך א ניצוץ פון א נשמה דקדושה, וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "גר שנתגייר" (ניט "גוי שנתגייר"), אבער בשעת ער איז נאך א גוי איז דער ניצוץ קדושה בשבי' אין דעם גוי, און דורך דערויף וואס מ'איז אים מגייר נעמט מען ארויס דער ניצוץ קדושה פון שבי', און מ'איז אים מחזיר למקומו.

וואס דאס איז ע"ד ווי גערעדט פריער, אז די גבורות אליין אין מען מהפך צו חסדים המתקת הגבורות, ביז אין תכלית השלימות.

**סב.** דער ביאור אין פרקי אבות:

דער אלטער רבי איז מבאר אין שעהיוה"א (פ"ז (פב, א)) אז "גדר ובחי' שם עולם נופל על בחי' מקום ובחי' זמן דוקא" (דוקא בידע פון זיי זיינען פארבונדן מיט ספירת המלכות).

עד"ז אין פרק חמישי פון פרקי אבות, איז דער התחלת הפרק רעדט ווי די מאה ענינים זיינען אין **מקום** בכל רגע ורגע, "בעשרה מאמרות נברא העולם" וכו'.

און דערנאך קומט מען צום סיום בפרק, וואס דארטן רעדט זיך ווי דער זעלבער ענין פון מאה (אין מקום, בהתחלת הפרק) שטעלט זיך אויס אין **זמן**, וואס "בכל יומא ויומא עביד עבידתי'", ביז מ'קומט צו דער שלימות פון **מאה** שנה, "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

**סג.** דער שלימות אין עבודה פון "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", איז (ווי גערעדט פריער (סמ"ד)) - אז ביי אים איז ניטא דער ענין פון עולם מלשון העלם והסתר, און דער ענין פון "לעלם חסר כתיב", וואו עס פעלט א וא"ו, א המשכה, אין עולם.

אין דערויף גופא זיינען דא (בכללות דריי) דרגות מן הקל אל הכבד: "מת", "עבר" און "בטל":

דער ענין פון א מת איז - אז ס'איז דא דער גאנצער מציאות הגוף, אלע אברים, ביז אויך שערות און צפרנים - דאס האט אבער אין זיך ניט קיין **חיות**.

ובעבודת האדם:

ער טוט טאקע אין מסחר אויף מאכן פרנסה, ער האט אבער ניט קיין חיות און רצון ותאוה אין דעם מסחר: די געלט וואס ער מאכט איז אים נוגע און אין איר זעט



הנחה פרטית בלתי מוגה

ער - די צדקה וואס ער וועט דערפון געבן, אין דעם צמר - זעט ער די ציצית וואס וועלן דערפון ווערן, אין דעם קלף - זעט ער די תפילין וואס וועלן דערפון ווערן.

ובלשון פון תו"א: (ער טוט אין דעם מסחר ועד"ז בכל עניני העולם) "בלא לב ולב".

דערנאך ווערט ער נתעלה צו א העכערע דרגא אין עבודה - "ועבר":

ער **גייט אוועק** פון די ענינים מיט וועלכע ער האט געהאט צוטאן ביז איצטער, לדוגמ' דער קו העבודה פון "זבולון", און ער גייט אריין אין אן אנדערע ד' אמות - דער קו העבודה פון "יששכר".

וואס דא איז ניט דער פשט אז ער טוט אין די עבודה פון "זבולון", אין עניני העולם, אן א חיות ("מת"), וואס דעמאלט איז נאך דא די מציאות הדבר, עס פעלט נאר אין דעם די חיות -

נאר דא איז "ועבר" - ער גייט אוועק לגמרי פון יענער עבודה, ד.ה. אז דער מציאות הדבר איז אויך ניטא, און ער גייט אריין אין א צווייטע עבודה - די עבודה פון "יששכר".

אבער אפילו אין דער עבודה פון "ועבר", וואס ער גייט אוועק פון זיין פריערדיקער מצב - איז אויך רישומו ניכר, פון דעם ארט פון וואנעט ער איז אוועקגעגאנגען, ווארום ער קען זיך מתבונן זיין ווי דער מצב איז געווען פריער, ועד"ז קען ער שיקן א שליח אדער תלמידו צו האבן צו טאן מיט די ענינים זיינע וואס ער האט פריער געהאט.

ולדוגמא אויב איינער גייט ארויס פון א צימער - איז אויך דעמאלט ניכר אז ס'איז פריער געווען אימיצער אין צימער.

דערנאך ווערט ער נתעלה צו א העכערע דרגא אין עבודה - "ובטל": ער גייט אוועק פון זיין פריערדיקער מצב אין אן אופן אז עס בלייבט אויך ניט קיין רושם פון וואס איז געווען פריער.

סד. וואס דאס זיינען בכללות די דרגות אין עבודת האדם ווי א מענטש ווערט נתעלה מדרגא לדרגא בעבודתו,

אנהויבנדיק פון פריער האבן צו טאן מיט וועלט כפשוטו, דערנאך ווערט ער נתעלה בעבודתו, אז דאס וואס ער האט צו טאן מיט וועלט, איז דאס אן א חיות, ער טוט אין עם בלויז צוליב די מטרה אין קדושה וואס קומט דערפון ארויס - "מת",

דערנאך ווערט ער נתעלה נאך העכער בעבודתו, אז ער גייט אוועק פון עניני העולם, "ועבר",

און דערנאך ווערט ער נתעלה צו די העכסטע דרגא בעבודתו, אז אלע עניני העולם ווערן ביי אים אינגאנצן בטל, און עס בלייבט ביי אים אפילו ניט קיין רושם פון דעם, "ובטל".

און עס מוז זיין אין דעם סדר דוקא, פריער "מת", דערנאך "עבר", און דערנאך "בטל" - ווארום אזוי האט דער אויבערשטער איינגעשטעלט די וועלט און טבע האדם, אז דער מענטש בטבע טוט און וויל טאן אין עניני העולם, און דערפאר דארף ער גיין מן הקל אל הכבד, ביז ער קומט צו די דרגא פון "ובטל מן העולם".



הנחה פרטית בלתי מוגה

און ווי דער רמב"ם איז דאס מבאר בארוכה (אין פיהמ"ש און אין הל' תשובה), אז עבודת ה' מוז פריער זיין שלא לשמה, ווארום אזוי איז טבע האדם:

פריער דארף מען אים געבן ממתקים אדער ממון אדער אנדערע תאוות שלו בכדי ער זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות דערנאך אז ער וועט נתעלה - לערנט ער תורה דערפאר וואס ס'איז חכמה, און שכל און ער האט א חוש און א געשמאק אין א שכל עמוק, וואס דאס איז וויטער שלא לשמה,

און אזוי גייט ער מדרגא לדרגא אין שלא לשמה, ביז ער קומט אן צו די דרגא פון לשמה.

וואס דאס איז טאקע א "דרך ארוכה" אין עבודת ה', אבער דורך דערויף קומט מען אן סוכ"ס, צו תכלית השלימות אין עבודת ה' - "ובטל מן העולם".

[דער אלטער רבי זאגט אין שער פון תניא אז ס'איז אויך דא א "דרך קצרה" אין עבודת ה' - דא רעדט מען אבער וועגן דעם "דרך ארוכה"].

**סה.** עס דארף דאך זיין "אחוי לי' דוגמתן" (ל' חז"ל - שבת ל, ב) - וואו געפינט מען א דוגמא צו אן עבודה פון "ובטל מן העולם", אז ביי אים איז ניטא קיין רושם פון עוה"ז בעבודתו?

געפינט מען א דוגמא לזה פון א סיפור וואס ברייננגט זיך [ניט (נאר) אין סיפורי חסידים, נאר (אויך)] אין א מאמר פון כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע (ד"ה כי נער ישראל תרס"ו (נדפס בהמשך תרס"ו ע' תקנ ואילך (קשר לענין) חלב שחלבו עכו"ם ואין ישראל רואהו (המשך תרס"ו שם ע' תקנ"ז)) (וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז א חלק פון תורת החסידות) (בהמאמר שם לא נזכרו (פרטי) הסיפור **כלל** ע"ד אור שהדליקו באיסור בשבה, - כלפענ"ד, ועפ"ז **מכוון** לסיפור כו"כ חסידים, ומדוייק הלשון שלא **ראה** (הר"נ) - דאיננו תפקיד החלב, משא"כ

ר' נחום טשערנאבעלער איז אמאל אריין שבת אין א חדר וואס דארטן האט געברענט א נר וואס מ'האט אנגעצונדן באיסור בשבת, אריינקומענדיק אין חדר האט ר' נחום געטאפט דעם וואנט און דעם ביינקעל וכו' בכדי צו וויסן וואו הין צו גייען, כאילו ווי ס'איז ניטא קיין נר אין חדר און ס'איז חושך אין חדר.

האט מען ביי אים געפרעגט: ס'טייטש, ס'איז דאך דא א נר דלוק אין דעם חדר, איז וואס טאפט ער דעם וואנט צו וויסן וואו הין צו גייען?

האט ער געענטפערט, אז ער זעט ניט קיין ליכטיקייט אין צימער, ביי אים איז לגמרי חושך.

דערנאך האט ר' נחום דאס מסביר געווען, אז א איד זעט ניט א זאך וואס ער דארף ניט זען, ובלשון רז"ל (ע"ז לה, ב) "חלב שחלבו עובד כוכבים ואין ישראל רואהו כו'", ד.ה. אז אזא מציאות זעט ניט א איד.

ד.ה. אע"פ וואס ס'איז געווען דער מציאות פון א נר דלוק אין צימער, ביז אז ע"פ תורה איז דא א מציאות פון דעם אור (וואס מ'האט אנגעצונדן באיסור בשבת), וויל ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס עס זיינען דא כמה הלכות אין שו"ע ווי מ'דארף זיך אויפפירן ביחס צו א נר שהדליקו באיסור בשבת, איז דאך דאס א מציאות פון א נר דלוק ע"פ תורה, ביז אז אויך ר' נחום האט געלערנט די הלכות אין שו"ע -

כרבדעסטוועגן איז אין עולם הקדושה פון ר' נחום - געפינט זיך ניט אזא אור וואס מ'האט אנגעצונדן באיסור, זיינע עינים גשמיים האבן ניט קיין יחס מיט אזא

אור, ביז אז ער האט געדארפט ארומטאפן דעם וואנט און א ביינקעל, צו וויסן וואו דער טיר איז - ווארום ביי אים איז פשוט געווען חושך בגשמיות אין דעם צימער!

וואס דא זעט מען בדוגמא צו דער ענין פון "ובטל מן העולם" - אז ער איז אזוי אפגעטראגן בעבודתו פון עוה"ז, אז ס'איז ניטא קיין רושם פון עולם אין זיין עבודה, ביז אז אפילו אז עס לייכט אן אור, וואס ע"פ תורה איז דאס אן אור - וואס לייכט אין עוה"ז איז אבער וויבאלד אז מ'האט אנגעצונדן דעם אור באיסור - זעט ער דאס ניט מיט זיינע עיני בשר.

וואס ר' נחום טשערנאבלער דארף ניט האבן אז מ'זאל אים געבן קיינע הסכמות און תוארים ווער ער איז ער געווען - ווארום ער איז געווען א תלמיד פון דעם מגיד און א חבר פון דעם אלטן רבי'ן וכו' - איז דאך פארשטאנדיק אין וואס פאר א דרגא ער האט געהאלטן בעבודתו.

**סו.** עד"ז איז דא א סיפור מיט "לכתחילה אריבער", מיט דעם זיידן פון דער בעל המאסר והגאולה, כ"ק אדמו"ר מהר"ש, וואס איז אויך א דוגמא צו די עבודה פון "ובטל מן העולם":

דער רבי מהר"ש האט געהאט א שליח אין פעטערבורג (ווי ס'האט דעמאלט געהייסן), וואס האט אנגעפירט פאר אים זיינע עניני מסחר, ווען צו קויפן און ווען צו פארקויפן די נכסים וואס דער רבי מהר"ש האט געהאט בכדי צו פארדינען די גרעסטע ריוח, און דער רבי מהר"ש פלעגט זיך פארבינדן מיט אים צוויי מאל א טאג צו אפרעדן ווי מ'זאל זיך פירן אין דעם.

דער שליח איז געווען א ממולח און א מפולפל און א קלוגער ניט נאר אין עניני תורה, נאר אויך אין עניני מסחר (כמובן דערפון גופא וואס ער איז געווען א שליח פון דעם רבי'ן) - אזוי האט דערציילט כ"ק מו"ח אדמו"ר - און ער האט אמאל געטאן א זאך מיט די נכסים פון דעם רבי'ן מהר"ש און מיט די פאפירן זיינע, ניט ווי דער הוראה און דער שליחות פון דעם רבי'ן מהר"ש איז צו אים געווען - און ער האט דורך דערויף מרויח געווען געלט אין די נכסים פון דעם רבי'ן מהר"ש.

וואס אויב דער שליח וואלט געטאן א זאך ניט ע"פ הוראת ובשליחות פון דעם רבי'ן מהר"ש, און דערפון וואלט ארויס א הפסד פאר דעם רבי'ן מהר"ש - איז וויבאלד אז "לתקוני שדרתיך ולא לעוותי" דערפאר איז "בטל מקח" (קידושין מב, ב. וש"נ).

אבער דא איז ארויס א ריוח פאר דעם רבי' מהר"ש - איז לכאו' האט דאס דער שליח געמעגט טאן, און דורך דעריויף איז צוגעקומען ע"פ דין אין די נכסים פון דעם רבי'ן מהר"ש ווי עס האט געשטאנען אין די פאפירן פון דעם רבי'ן מהר"ש אז ער האט אזויפיל און אזויפיל פארדינען, פונדעסטוועגן האט דער רבי מהר"ש געזאגט אז ער וויל דאס ניט נעמען דער ריוח וואס דער שליח האט אים פארדינט ווארום דער ענין האט קיין שייכות ניט צו אים.

ווארום איינער וואס האט עינים זכות, זעט אז דער ענין באלייגנגט ניט אין חלקו שבעולם, און דערפאר האט דער רבי מהר"ש אים געזאגט די הוראה אז ער זאל ניט פארדינען פון דעם מסחר, וויבאלד אז ער האט געזען אז דאס איז ניט פון חלקו שבעולם.

וואס דאס איז בדוגמא דער עבודה פון "ובטל מן העולם": ניט נאר אן ענין פון "מת" פון עניני העולם, אז ער האט קיין חיות ניט אין די עניני העולם מיט וועלכע ער טוט, און אויך ניט דער ענין פון "ועבר" פון די עניני העולם, אז ער גייט אוועק פון עניני העולם, אבער עס בלייבט נאך איבער א רושם פון עניני העולם -



הנחה פרטית בלתי מוגה

נאר "ובטל מן העולם" - ער גיט א הוראה אז דער ענין איז ניט זיינער, כאטש אז אויף-די פאפירן זיינער שטייט אז ער האט דאס פארדונען, און אפילו א רושם דערפון איז ניט זיינער, וואס דערפאר זאל מען זיך מיט דעם בכלל ניט משתמש זיין.

**סז.** דער סיפור האט דאך כ"ק מו"ח אדמו"ר דערציילט על מנת לפרסם, ווארום ער האט דאס מיר דערציילט, און ער האט געוואסט אז בשעת ער דערציילט מיר א סיפור, וועל איך דאס דערציילן צו אנדערע, אדער שרייבן דאס, אדער הייסן דאס אפדרוקן - וואס דערפאר (בכדי איך זאל דאס מפרסם זיין) - אזוי פארשטיי איך - האט עס מיר דערציילט ווארום מאיזה סיבה האט ער עס אליין ניט געוואלט מפרסם זיין.

וואס דערפאר איז דער סיפור זיכער א הוראה לכאו"א בעבודתו - אז "מתי יגיעו מעשי למעשה אבותי".

וואס אע"פ אז מ'קען זיך ניט פארגלייכן צו "אבותי", צו דעם רבי'ן מהר"ש וכו' - איז אבער צו "מעשה" אבותי קען און דארף מען זיך פארגלייכן, אז "מתי יגיעו **מעשי** למעשה אבותי" ובפרט נאך דערויף וואס זיי האבן סולל געווען את הדרך אין דער אופן העבודה.

און בשעת מ'מאכט נאר די החלטה און מ'האט די מחשבה אז אזוי זאל זיין - איז דעמאלט "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה", און ווי דער פירוש אין דעם איז אז דער אויבערשטער ברענגט דעם מענטשן צו א מצב אז ער זאל קענען אראפברענגען דער מחשבה טובה אין א מעשה בפועל.

ביז צו די מעשה בפועל פון די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

**סח.** אין פרקי אבות דארף מען נאך אבער פארשטיין ווי מפרשים פרעגן - פארוואס איז ער מסיים פרק ה' מיט א דבר בלתי טוב, וואס בפשטות ובגלוי איז "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" ניט קיין דבר טוב?

איז דער ביאור בזה (ווי גערעדט פריער (ססמ"ה ואילך):

אין דעם מאמר אויף פרשתנו פון טנה תרע"ט ד"ה זאת התורה אדם כי ימות באוהל (סה"מ עטר"ת ע' תקטו ואילך) ברענגט ער אראפ די קשיא פון זהר עה" (זח"ג קנט, א), אז די תורה איז דאך "קדמה אלפיים שנה לעולם", ד.ה. קדמה אויך צו דער חטא עה"ד, וואס דעמאלט (אויב עס וואלט ניט געווען דער חטא עה"ד) וואלט ניט געווען דער ענין המיתה, - איז ווי קען שטיין אין תורה "אדם כי **ימות** באוהל" נאך איידער ס'איז געווען דער חטא עה"ד?!

און ער איז מבאר אין דעם מאמר (ס"ע תקטו), אז "אדם כי ימות באוהל" רעדט זיך וועגן מיתה ברוחניות ובעבודת האדם, און ווי רז"ל דרשנ'ען אויף דעם פסוק ("זאת התורה אדם כי ימות באוהל"), אז "אין התורה מתקיימת אלא במי שממית עצמו עלי'" [ובלשון הרמב"ם (הל' ת"ת פ"ג הי"ב): "אמרו חכמים דרך רמז זאת התורה אדם כי ימות באוהל אין התורה מתקיימת אלא במי שממית עצמו באהלי החכמים"].

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "בן מאה כאילו מת כו'", אז דאס מיינט ניט מיתה כפשוטו, נאר מיתה ברוחניות, ע"ד ווי "ממית עצמו באהלי החכמים".

וכדמוכח אויך פון דעם לשון "**כאילו** מת", וואס דאס מיינט אז עס ווייזט נאר אויס אז ער איז מת, ד.ה. בלשון העולם ווערט ער אנגערופן א מת, ווארום מ'זעט אז ער האט ניט צוטאן מיט עולם - אבער באמת איז ער א חי, ער האט זיך אבער ממית געווען על תורה, ד.ה. אז ער האט זיך אינגאנצן איבערגעגעבן צו תורה אז אלע עניני העולם זיינען ביי אים "כאילו מת".



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס איז דער קישור פון פרשתנו, פון דעם פסוק "זאת התורה אדם כי ימות באוהל", מיט דעם פרק פון היינטיקן שבת, "בן מאה כאילו מת כו'" - וואס ביידע רעדן וועג אן ענין פון מיתה בעבודת האדם.

ס'איז נאר א חילוק: אין הושב"כ וואו אלע ענינים זיינען מער בקיצור, טייטשט ער ניט אויס אז דאס איז ניט מיתה כפשוטו, משא"כ אין משנה אין הושבע"פ איז ער מער מפרש, און ער זאגט, אז דאס איז נאר "**כאילו** מת", און ניט מיתה כפשוטו.

**סז.** כמה דוגמאות אין גשמיות העולם וואו מ'געפינט דער ענין אז ביי א לעבעדיקען מענטש זאל זיין א נשמה בגוף, בדוגמא דער ענין ה"מיתה" (בחלק ממנו) "כאילו מת" - בכדי מאכן לייכטער צו פארשטיין ווי אזוי דאס קען זיין אין עבודת האדם:

מ'זעט בפועל אז בשעת איינער, ניט נאר א איד, נאר אפילו א גוי, ליגט (כדבעי) אין א חכמה עמוקה - איז ער בכלל ניט מרגיש חיזו דהאי עלמא ארום אים, ביז אז ביי אים איז דא איבוד החושים, ביז אז אפילו אויב מ'גיט אים א שטאך מיט א נאדעל, איז ער ניט מרגיש דעם כאב.

ועד"ז בנוגע צו אן אומן במלאכה וואס ער ליגט מיט א געשמאק אין זיין מלאכה - איז ער אויך ניט מרגיש די וועלט ארום אים, און אויב מ'וועט אים שטעכן מיט א נאדעל וועט ער אויך ניט מרגיש זיין דעם כאב.

ועד"ז בנוגע צו איינער וואס ליגט אין א ניגון, ועד"ז בכו"כ ענינים, ווי מ'זעט עס בפועל.

וכאמור, דאס איז אפילו בנוגע צו א גוי, וואס ליגט אין זיינע ענינים גשמיים וחומריים מיט א געשמאק, און ניט נאר בנוגע צו א איד.

ובדוגמא ווי די גמ' פארגלייכט איינער וואס האט א פנים מאירות צוליב דעם וואס ער איז מלווה ברבית, אדער פון דעם וואס ער האט געגעסן מאכלים שמנים שאינם כשרים, צו איינער וואס האט א פנים מאירות דערפון וואס ער האט געפונען א ברייתא חדתא (אדער א ברייתא עתיקתא),

ביז אז בשעת מ'זעט איינעם מיט א פנים מאירות קען מען ניט דערקענען צי ער איז אזא וואס איז מלווה ברבית אדער ער עסט מאכלים שאינם כשרים, אדער ער איז אזא וואס האט געפונען א ברייתא חדתא -

ווארום דער ענין אז מ'קען ליגן אין אן ענין און האבן א געשמאק אין דעם ביז אז דאס איז גורם ער זאל האבן א פנים מאירות - איז ניט נאר דא אין עניני קדושה, נאר אויך אין עניני לעו"ז.

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז אויך בא גוים איז שייך דער ענין אז זיי זאלן אזוי ליגן אין א זאך - אז זיי זיינען בכלל ניט מרגיש חיזו דהאי עלמא.

אבער ביחד עם זה איז פארשטאנדיק, אז מה דאך א גוי קען זיך פועלן אז ביי אים זאל דער "רוח הבהמה" ניט יורד זיין למטה, נאר עולה זיין למעלה - איז עאכו"כ אז א איד, וואס ער איז א "חלק אלוקה ממעל ממש" קען ליגן אין תורה אין אן אופן אז דאס זאל ווערן זיין גאנצע מציאות, ביז אז אלע איבעריקע ענינים עגזעסטירן ניט כלל וכלל ביי אים.

**ע.** נאך דוגמאות בעולם אויף דעם ענין פון "כאילו מת" ביי א נשמה בגוף:

דער ענין השינה וואס איז "אחד משישים ממיתה".



הנחה פרטית בלתי מוגה

נאכמער - דער ענין פון התעלפות.

ועד"ז זעט מען היינט אז אין חכמת הרפואה איז דא א מציאות וואס מ'שניידט אפ א גיד וואס איז מקשר אן אבר מיט דעם מוח, וואס דורך דעם גיד קומט אן דער כאב פון דעם אבר צו דעם מוח, וואס דער מוח איז דער וואס איז מרגיש דעם כאב - און דורך אפשניידען דעם גיד, האט דער מענטש ניט קיין כאב, וויבאלד אז זיין מוח איז ניט מרגיש קיין כאב.

ד.ה. אז עס גייט ארום אן אדם שלם בכל ענינים שלו, נאר אין איין פרט איז ער **"כאילו מת"**.

עד"ז זעט מען אין א צד ההפכי, אז ס'איז דא א מציאות פון איינעם וואס רעדט זיך איין אז ער קען ניט גייען, וואס ניט אים פעלט עפעס בגשמיות ברגלים שלו, נאר מצד זיין רצון האט ער אויף זיך גע'פועל'ט אז ער זאל טאקע ניט קענען גייען,

און דערנאך דארף מען אים מרפא זיין דורך פועל'ן אויף זיין רצון, אז באמת קען ער יע גייען, און לאט פועל'ט מען אויף אים אז ער זאל טאקע גייען בפועל.

וואס דערפון זעט מען אויך, אז א מענטש קען אויף זיך פועל'ן דער ענין פון "כאילו מת" נאר מצד הרצון שלו.

וע"ד ווי דער דין איז בנוגע צו א תענית חלום בשבת - אז וויבאלד מצד **רצון** האדם ווערט א תענית חלום זיין **תענוג** דערפאר מעג ער פאסטן (ווי גערעדט פריער).

וואס כל הנ"ל זיינען דוגמאות בעוה"ז אויף דעם ענין פון "כאילו מת" ביי א לעבעדיקער מענטש א נשמה בגוף - בכדי מאכן לייכטער צו פארשטיין ווי דאס קען און דארף זיין אין עבודת האדם, כנ"ל.

אבער מיט די הוספה - וואס "מרובה מדה טובה ממדת פורענויות": אויב דאס איז אזוי אין ענינים בלתי רצויים, בא א חולי וכו', ווי אויסגערעכנט פריער - איז דאס זיכער אזוי ביז חמש מאות פעמים ככה אין צד הטוב, אין לימוד בתורה און קיום המצוות, און אין אלע ענינים טובים, אז מ'קען אויף זיך פועל'ן אז ווי מ'געפינט זיך אין עוה"ז הגשמי - זאל מען זיין "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", שטייען לגמרי העכער פאר עניני העולם, ביז ניט מרגיש זיין וואס עס טוט זיך אין עולם.

**עא.** עפ"ז קומט ארויס נאך א פרט אין דעם "נעוץ סופן בתחלתן ותחלתן בסופן" פון דעם סיום הפרק, "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" מיט התחלת הפרק "בעשרה מאמרות נברא העולם":

"בעשרה מאמרות נברא העולם" רעדט זיך וועגן עולם ווי זי איז מצ"ע, פאר דעם וואס אין איר איז דא עבודת האדם,

דערנאך דארף אבער זיין "לעשות - לתקן" אין עולם, איבערמאכן די וועלט - וואס דאס איז דער ענין פון "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", אז ער פועל'ט אז ביי זיי זאל זיין דער ענין פון "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" אין עבודת ה' - ד.ה. [illegible]ז ער שטייט העכער פאר גאנץ וועלט, ביז אז ער איז בכלל ניט מרגיש עניני העולם.

וואס אע"פ אז ער געפינט זיך אין וועלט - איז לכאו' ווי קען ער זיך אוועקשטעלן העכער פאר וועלט, ביז אז ער זאל זיין "כאילו מת וכו'" פון וועלט -

א[illegible] אבער וויבאלד אז די כוונה פון די "עשרה מאמרות שנברא העולם" איז - אז עס זאל זיין עבודת האדם, "לעשות - לתקן", איז במילא דער עולם א טפל צו זיין

כוונה, וואס דעמאלט רעכנט מען זיך ניט מיט דער זאך וואס איז טפל צו א צווייטער זאך, נאר מ'רעכנט זיך מיט דער עיקר.

וכמדובר כמ"פ די דוגמא לזה פון דעם דין "המוציא אוכלין פחות מכשיעור בכלי פטור אף על הכלי שהכלי טפילה לו", ד.ה. כאטש אז דער גשם הכלי האט א שיעור הוצאה, און אויב מ'וואלט עס ארויסגעטראגן פאר זיך וואלט מען געווען חייב אויף דער הוצאה - וויבאלד אבער אז די כוונה פון זיין ארויסטראגן די כלי איז צוליב די אוכלין בתוך הכלי - ווערט די כלי בטל וטפל צו דעם אוכלין, און וויבאלד אז די אוכלין זיינען פחות מכשיעור, איז אויך די כלי פחות מכשיעור, און מ'איז פטור בשעת מ'טראגט איר ארויס.

**עד.** וי"ל בדרך אפשר אז דאס איז אויך דער טעם פארוואס אהרן איז געשטארבן פאר זיין צייט צוליב דעם חטא פון די אידן, וואס "נתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע", והביאור בזה:

פון דעם וואס עס שטייט אמאל "הוא אהרן ומשה" און אמאל "הוא משה ואהרן" לערנט מען אפ אז אהרן און משה זיינען "שקולין כאחד".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אזוי ווי משה איז געווען א רועה ישראל, אזוי איז אויך אהרן געווען א רועה ישראל, ובפרט ווי עס שטייט בפרשתנו אז "ויבכו את אהרן כל בית ישראל" - "האנשים והנשים לפי שהי' אהרן רודף שלום ומטיל אהבה בין בעלי מריבה ובין איש לאשתו".

משא"כ בא משה איז געווען נאר "ויבכו בני ישראל -

און אזוי ווי עס שטייט אויף משה'ן (סוטה יג, סע"ב) "מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש (ממרום)", אזוי איז אויך איז געווען בא אהרן, אז "מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש (ממרום)"?.

און ענינו איז געווען "בהעלותך את הנרות", "אנצינדן" די נרות פון אלע אידן, און מאכן פון זיי "מנורת זהב כולה" א "מקשה אחת".

וואס דערפאר איז בשעת אהרן האט געזען אז די אידן האבן חוטא געווען ("נתחברו כאן להתקרב לעשו הרשע"), וואס צוליב דעם חטא דארף בא זיי זיין "חסרו הצדיק הזה" - האט ער געזען אז ער האט שוין קיין ניט קיין תועלת צו בלייבן משמש זיין בא די אידן, ווארום ענינו איז געווען א רועה ישראל און בשעת די אידן זיינען עובר אויף א חטא וואס צוליב דעם חטא דארף בא זיי זיין "חסרו אותו הצדיק" - האט אהרן ניט קיין תועלת בלייבן משמש זיין בא די אידן.

ובפרט לויט דעם וואס די גמ' זאגט אז "או חברותא או מיתתא", ועאכו"כ אויב דאס איז ניט חברותא, נאר תלמידיו, וואס די יחס פון אהרן מיט די אידן איז געווען ווי א רב מיט תלמידיו - איז דאך זיכער אז "או תלמידי או מיתתא", ווארום ס'איז דאך "מתלמידי יותר מכולם", מערער פון "מרבותי" און מערער פון "חבירי", און אפילו אויב דער רב האט נאר געלערנט איין זאך מיט זיינע תלמידים איז שוין "מתלמידי יותר מכולם" -

איז בשעת אהרן האט געזען אז די אידן זיינען געווארן אויס תלמידים זיינע דורך דערויף וואס זיי האבן עובר געווען אויפן חטא - האט ער שוין ניט געהאט וואס צו בלייבן לעבן אין עוה"ז, "או תלמידי או מיתתא".

**עד.** און רש"י דארף דאס ניט באווארענען צו א בן חמש למקרא - ווארום דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אז רבקה האט געזאגט (תולדות כז, מו) "קצתי בחיי מפני בנות חת אם לוקח יעקב אשה מבנות חת כאלה מבנות הארץ למה לי חיים".



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דערפון זעט דער בן חמש למקרא ווי דער חטא און חסרון פון איינער קען פארקירצן דער חיים פון א צווייטן (וואס איז נאנט צו אים).

און ווי דער בן חמש למקרא האט שוין פאר דערויף (פאר די מעשה מיט רבקה) געלערנט אין רש"י (שם כה, ל), אז "מת אברהם שלא יראה את עשו בן בנו יוצא לתרבות רעה ואין זו שיבה טובה שהבטיחו הקב"ה, לפיכך קצר הקב"ה ה' שנים משנותיו".

און דערמיט פארשטייט דער בן חמש למקרא אויך בנוגע צו אהרן - אז בשעת אהרן וואס ער איז געווען א רועה ישראל, האט געזען אז די אידן האבן חוטא געווען, און צוליב דעם דארף זיין "חסרו הצדיק הזה" - האט דאס גורם געווען אז ביי אהרן זאל פארקירצט ווערן זיין לעבן.

ובפרט אז אהרן האט געוואוסט אז "מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש (ממרום)" - אז אפילו נאך דערויף וואס ער וועט נסתלק ווערן וועט ער משמש זיין ממרום -

איז וויבאלד אז אהרן האט געזען אז ס'איז ניטא קיין תועלת צו משמש זיין די אידן למטה - וועט ער עולה זיין למעלה און משמש זיין ממרום, ד.ה. אז עס וועט סיי ווי גארניט פעלן.

וואס דער בן חמש למקרא פארשטייט אויך אז בשעת איינער גייט אוועק פון עוה"ז, האט ער דערנאך חיי הנשמה אין עוה"ב, ווארום דער בן חמש למקרא ווייסט וועגן דער נשמה און וועגן עוה"ב און וועגן חיי הנשמה אין עוה"ב, ובפרט בנוגע צו א צדיק ווי אהרן, וואס עיקר חיותו אפילו אין עוה"ז איז ניט חיים גשמיים, נאר חיים רוחניים, ווי א בן חמש למקרא פארשטייט אויך בפשטות.

ובלשון פון אגה"ק: "חיי הצדיק אינם חיים בשרים כ"א חיים רוחניים שהם אמונה ויראה ואהבה כו'".

ובפרט אז אהרן האט געהאט מיתת נשיקה, וואס דאס איז אן ענין גדול ביותר, ווי רש"י (פרשתנו כ, כו) דערציילט אז דער אויבערשטער האט געזאגט אז אהרן זאל אריינגיין אין דער מערה פון הר ההר, "ונכנס וראה מטה מוצעת ונר דלוק, אמר לו עלה למטה ועלה פשוט ידיך ופשט קמוץ פיך וקמץ עצום עיניך ועצם", ביז אז ווען משה האט דאס דערזען "מיד חמד משה לאותה מיתה, וזהו שנא' כאשר מת אהרן אחיך מיתה שנתאוית לה".

ובפרט אז אהרן האט אויך געוואוסט אז זיין מקום אלס כהן גדול וועט ניט פעלן אויב ער וועט דעמאלט נסתלק ווערן - ווי דער פסוק דערציילט (כ, כה כו) אז דער אויבערשטער האט געזאגט משה'ן "קח את אהרן ואת אלעזר בנו והעל אותם הר ההר, והפשט את אהרן את בגדיו והלבשתם את אלעזר בנו גו'", ביז ווי רש"י זאגט (אויף "קח את אהרן"): "בדברי נחומים אמור לו אשריך שתראה כתרך נתון לבנך שאין אני זכאי לכך".

און וויבאלד אז "בכל אדם מתקנא חוץ מבנו כו'" - איז זיכער אהרן געווען בתכלית השמחה דערפון וואס כתרו האט מען אפגעגעבן צו בנו אלעזר.

וואס לאחרי אז אהרן האט געוואוסט כל הנ"ל, אז בא די אידן דארף זיין "חסרו הצדיק הזה", אז ער וועט סיי ווי זיין משמש ממרום, אז ער וועט האבן עוה"ב, אז ער וועט האבן מיתת נשיקה, און אז עס וועט אויך ניט פעלן אין דירה בתחתונים, וואדום אלעזר בנו וועט משמש זיין אלס כהן גדול במקומו -

איז פארשטאנדיק פארוואס אהרן איז דעמאלט נסתלק געווארן, ניט מיט א האלבע יאר שפעטער.

**עה.** לפי זה ווערט אבער די שאלה אויף צוריק: אויב עס זיינען געווען די אלע עילויים פארבונדן מיט מיתת אהרן - איז פארוואס האבן די אידן **געוויינט**, "ויבכו את אהרן שלשים יום"?

איז דער הסברה בזה:

נאך אלע עילויים און מעלות וואס זיינען פארבונדן מיט עליית הנשמה למעלה וכו' - וויל מען פשוט האבן א נשמה בגוף וואס זאל האבן אריכות ימים און מקיים זיין תורה ומצוותי' דא למטה אין עוה"ז הגשמי.

און דערפאר בעט מען בתפלה, "אליו ולא למדותיו", אז מ'זאל פשוט האבן אלע ענינים בגשמיות ובשלימות, און מ'בעט אריכות ימים וכו'.

און וויבאלד אז "תפלה עושה הכל" (ווי דער דעה אין מדרש) - איז א זיכערע זאך אז מ'האט אלע ענינים בגשמיות בטוב הנראה והנגלה -

ווארום "יפה שעה אחת בתורה ומעשים טובים", און אפילו אויב ער איז עובר אויף א חטא - איז דאך "בל ידח ממנו נדח", ס'איז א זיכערע זאך אז ער וועט תשובה טאן, און אויך דער ניצוץ קדושה איז "בל ידח".

והטעם לכל זה איז - דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער קובע געווען להלכה לעד ולעולמי עולמים - אז דירה איז דר דער עצמות פון דעם וועלכע איז דארטן דר.

ביז אז לע"ל וועט נתגלה ווערן אין עוה"ז הגשמי ווי אלע ענינים געפינען זיך אין עוה"ז הגמשי - סיי יצירה, סיי בריאה, סיי אצילות.

ובדוגמא ווי דער אלטער רבי גיט די דוגמא אין לקו"ת, אפילו בנוגע צו גוים - אז בשעת איינער טוט א מלאכה אדער אן אנדער ענין אין וועלכע זיין מחשבה ליגט - געפינען זיך כמה ענינים בבת אחת במקום אחד און במחשבה אחת.

און אפילו איצטער, נאך אין זמן הגלות, האט מען אלע ענינים דערפאר וואס מ'האט אלע ברכות, וויבאלד אז מ'פארבינדט זיך מיט דער בעל הברכות והחיים בדורנו זה - דער בעל המאסר והגאולה.

האט מען בני חיי ומזוני רויחי בגשמיות, און בני חיי מזוני ורויחי ברוחניות, "שנשתלשלו מהן".

און דאס גרייט צו אז עס זאל זיין "כשם שאני נכתב כך אני נקרא", בביהמ"ק השלישי.

ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

בי"ה. שיחת י"ב תמוז ה'תש"מ.

א. יעדער ענין וואס חזר'ט זיך איבער מידי שנה בשנה - זיינען דא צוויי אפשריות'ן ווי אזוי צו מסביר זיין דעם ענין:

א) דער ענין קומט בהמשך צום זעלבן ענין וואס איז געווען אין דעם פריערדיקן יאר, ובפרט ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין וואס חזר'ט זיך איבער מער פון דריי מאל, וואס "בתלתא זימני הוי חזקה", איז עס אלץ א המשך פון דעם פריערדיקן יאר.

וואס דער המשך אין דעם קומענדיקן יאר איז טאקע אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור, וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט אן ענין פון תורה ומצוותי', וואס אויף דערויף איז דא דער ציווי פון "מעלין בקודש" - דאס איז אבער אין אן אופן אז עס קומט אלס המשך צום פריערדיקן יאר.

ב) וויבאלד אז דאס קומט נאך דעם יאר שלפנ"ז, אדער נאך א גאנצע תקופה שלפנ"ז - איז עס ניט נאר א המשך צום פריערדיקן יאר, נאר בעיקר איז עס אן ענין של חידוש דבר.

וואס אע"פ אז מ'טוט דאס אין צוזאמענהאנג מיטן זעלבן מאורע וואס איז געווען אין דעם פריערדיקן יאר, אין דעם זעלבן חודש, און אין דעם זעלבן טאג - איז עס אין דעם זעלבן טאג נאר לויטן לוח, אבער בנוגע צו אידן וואס לעבן איבער דעם ענין (ובפרט אן ענין וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט, מיט תורה ומצוותי'), איז עס ניט אין אן אופן אז מ'חזר'ט איבער אן אלטע זאך, און מ'איז דערצו עפעס מוסיף, נאר דאס איז אין אן אופן אז עס ווערט אינגאנצן א נייע זאך.

ב. עד"ז בנוגע לענינו - א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז, ימי הגאולה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו:

עס איז געווארן א מנהג טוב - וואס "מנהג ישראל תורה הוא" - אז מידי שנה בשנה זאלן זיך אידן צוזאמענקלייבן אין ימי הגאולה י"ב-י"ג תמוז, און איבער'חזר'ן (עכ"פ נקודות פון) דעם סיפור המאסר והגאולה.

און אין אן אופן ווי דער בעל הגאולה האט געוואלט - מיוסד אויפן מארז"ל "המעשה הוא העיקר" - אז מ'זאל דערפון ארויסנעמען מסקנות, און החלטות טובות בנוגע צו דער עבודה פון הפצת התורה והיהדות, וואס דערמיט איז געווען פארבונדן דער מאסר והגאולה.

און דערצו קומט נאך צו דאס וואס דער בעל הגאולה האט געהאפט, און געבענטשט - אז מ'זאל מצליח זיין אויסנוצן די התוועדות בימים אלו אויף דער ארבעט פון הפצת התורה והיהדות.

וואס אין דערויף זיינען דא די צוויי אפשריות'ן הנ"ל:

א) די התוועדות פון י"ב-י"ג תמוז בשנה זו קומט אלס א המשך צום זעלבן מאורע אין דעם פריערדיקן יאר, ביז צו ימי הגאולה אין שנת תרפ"ז.

אין דערויף איז טאקע דא אן ענין של הוספה, ווארום אזוי ווי ער איז א לעבעדיקער איד, וואס איז מקושר און נעמט זיין לעבן פון "אלקים חיים", פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז א"ס, איז פארשטאנדיק אז ווי גוט זיין עבר איז נאר געווען (צוזאמען מיט דער התעוררות וואס ער האט מיטגענומען פון ימי הגאולה בשנים שעברו), איז ניט נאר אז ער קען אין דעריף מוסיף זיין, נאר די הוספה קען זיין עד א"ס, וויבאלד אז ער איז מקושר צו זיין מקור וואס איז א"ס האמיתי - אבער אעפ"כ איז עס בכללות א המשך צום זעלבן מאורע בשנים שלפנ"ז.

ב) עס איז טאקע פארבונדן מיט דעם זעלבן מאורע וואס איז געווען בשנים שלפנ"ז,

ביז צו ימי הגאולה בשנת תרפ"ז, אבער אזוי ווי עס זיינען צוגעקומען בינתיים כו"כ ימים ושנים, קען מען ניט באגנוגענען דערמיט וואס מ'איז אין דערויף מוסיף, נאר די הוספה איז אין אן אופן אז עס ווערט א דבר חדש.

וואס די צוויי אפשריות'ן זיינען געגעבן געווארן לבחירתו של כל אחד ואחד - יעדערער האט א ברירה אויסקלייבן זיך א וועג צווישן דיביידע וועגן, און אז ער וויל קען ער זיך אויסקלייבן די וועג אז זיין עבודה זאל זיין אן עבודה חדשה אפילו בערך צו שלימות העבודה שלפנ"ז,

ווארום א איד איז ניט מוגבל אין זיינע כחות, וויבאלד אז דאס איז ניט כחו ועוצם ידו, נאר דאס זיינען כחות וואס ער באקומט פון "מקור מים חיים", פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז א"ס (דורך דער תורה, וואס זי איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מיני ים") - איז וויבאלד אז ער איז ניט מוגבל אין זיינע כחות, האט ער א ברירה אז עבודתו זאל זיין אן עבודה חדשה אפילו לגבי שלימות העבודה שלפנ"ז.

ג. האמור לעיל אז די צוויי אופנים הנ"ל - צי די עבודה זאל זיין אין אן אופן וואס איז בערך צו די פריערדיקע עבודה, אדער אז די עבודה זאל זיין אין אן אופן חדש לגמרי - זיינען געגעבן געווארן לבחירתו של כאו"א, איז געזאגט געווארן נאר בשעת מ'געפינט זיך אין דער זעלבער תקופה; אבער ווען עס הויבט זיך אן א נייע תקופה, איז א זיכערע זאך אז די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון חידוש.

ובנוגע לענינינו: אין י"ב תמוז פון שנה זו ענדיקט זיך שנת המאה פון הולדת בעל הגאולה, און עס הויבט זיך אן שנת המאה ואחת, ד.ה. אז עס האט זיך געענדיקט די תקופה פון מאה שנה, און אנהויבנדיק פון שנת המאה ואחת, הויבט זיך אן א נייע תקופה.

און וויבאלד אז צווישן מאה מיט מאה ואחת איז דא א חילוק שבאין ערוך (כדלקמן), איז פארשטאנדיק, ווען עס הויבט זיך אן שנת המאה ואחת, דארף זיין די עבודה פון הפצת התורה והיהדות (וואס איז פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז) אין אן אופן חדש לגמרי.

ד. דער ביאור אין דעם אויפטו פון מאה ואחת לגבי מאה:

די גמרא זאגט אין חגיגה (ט, ב) אז "אינו דומה שונה פרקו מאה פעמים לשונה פרקו מאה ואחד", ביז אז "שונה פרקו מאה פעמים" ווערט אנגערופן "אשר לא עבדו", און דוקא "שונה פרקו מאה ואחד" ווערט אנגערופן "עובד אלקים".

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא (פט"ו) אז "בימיהם הי' הרגילות לשנות כל פרק מאה פעמים", וויבאלד אז דעמולט איז תושבע"פ ניט געווען פארשריבן, נאר מ'האט איר געלערנט בע"פ, האט מען געדארפט איבער'חזר'ן "מאה פעמים", כדי אז ס'זאל בלייבן חקוק בזכרונו - און דערפאר ווערט "שונה פרקו מאה פעמים" אנגערופן "אשר לא עבדו", וויבאלד אז אויף דערויף האט ער ניט געדארפט משנה זיין די רגילות שלו.

אבער בשעת ער איז "שונה פרקו מאה ואחד", ווערט ער אנגערופן "עובד אלקים", וויבאלד אז דער "פעם המאה ואחת" וואס ער לערנט איז "יתר על הרגילות שהורגל בה מנעוריו", און צוליב דערויף דארף ער איבערבייטן טבע רגילותו, וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "עובד אלקים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "שונה פרקו מאה ואחד" איז פארבונדן מיט אן אופן חדש אין עבודת ה', וואס לגבי דעם אופן עבודה, ווערט דער פריערדיקער אופן עבודה ("שונה פרקו מאה פעמים") אנגערופן "אשר לא עבדו".

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לעניננו - אז נאך דער תקופה פון מאה שנה, הויבט זיך אן א תקופה חדשה לגמרי, א תקופה וואס איז פארבונדן מיטן מספר פון מאה ואחד, און דערפאר דארף זיין די עבודה באופן חדש לגמרי.

[און אע"פ אז דארטן רעדט זיך וועגן איבער'חזר'ן אן ענין מאה פעמים, און דא רעדט זיך וועגן מאה שנה - איז אבער פארשטאנדיק אז דער ענין פון "שונה פרקו מאה פעמים" איז פארבונדן מיט דער סגולה מיוחדת וואס איז דא אין מספר מאה, אז דאס באווייזט אויף תכלית השלימות אין טבע העולם (ווי וועלט שטייט במדידה והגבלה), כדלקמן, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי איז עס אין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט מספר מאה (אז דאס באווייזט אויף תכלית השלימות אין טבע העולם), ובנדו"ד - מאה שנה].

ה. והביאור בזה:

עס איז דא דער ביאור פון דעם אלטן רבי'ן אין לקו"ת (ראה כב, ג) [וואס דער בעל הגאולה איז געווען ממלא מקומו, און האט געזאגט מאמרים וואס זיינען מיוסד אויף די מאמרים פון דעם אלטן רבי'ן, כולל אויך בנוגע צו דעם ענין אין לקו"ת], צוזאמען מיט די הערות און ביאורים פון דעם צ"צ, בנוגע צו דעם ענין פון "שונה פרקו מאה פעמים", און "שונה פרקו מאה ואחד פעמים" - וואס דארטן פארבינדט ער דעם ענין פון "מאה ואחד" מיט דעם ענין פון "והחכמה מאין תמצא", וויבאלד אז "מאין הוא מספר מאה ואחד".

עפ"ז איז פארשטאנדיק דער חילוק צווישן מאה מיט מאה ואחד:

דער תכלית השלימות ביי א מענטשן (ובפרט ביי א אידן) איז דער כח החכמה, וואס דאס איז דער כח הכי נעלה פון די כחות פנימיים.

אבער ניט דערפון הויבט זיך אן זיין מציאות - עס איז דא בנפשו א העכערן ענין פון כח החכמה, וואס פון דארטן ווערט נמשך דער כח החכמה, און די דרגא שלמעלה מהחכמה ווערט אנגערופן "מאין", וויבאלד אז דאס איז העכער פון הבנה והשגה וואס ווערט באנומען אין חכמה ושכל, וואס דערפאר ווערט דאס אנגערופן "אין".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער חילוק צווישן מספר מאה מיט מאה ואחד - אז מספר מאה באווייזט אויף דעם ענין החכמה, תכלית השלימות פון וועלט, [און ווי ער ברייננגט אראפ דאס וואס דער זהר טייטשט אפ בנוגע צו די "מאה שנה" פון חיי שרה, אז דאס איז תכלית השלימות אין שנים], און מספר מאה ואחד באווייזט אויף דעם שורש ומקור החכמה, "והחכמה מאין תמצא".

ו. עד"ז פארבינדט דער אלטער רבי אין לקו"ת דעם ענין פון "שונה פרקו מאה פעמים", און "שונה פרקו מאה ואחד פעמים", מיט דעם מארז"ל (קידושין ל, ב) "ושמתם סם-תם נמשלה תורה כסם חיים", וואס "סם חיים" איז פארבונדן מיט מספר מאה, וויבאלד אז "סם" איז בגימטריא מאה.

און ער פארבינדט דאס מיט דעם ענין פון "מ"ם וסמ"ך שבלוחות בנס היו עומדים" - וואס מ"ם וסמ"ך איז בגימטריא מאה.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דער חילוק צווישן "שונה פרקו מאה פעמים", און "מאה ואחד":

דער מספר מאה איז פארבונדן מיט די מ"ם וסמ"ך שבלוחות - וואס כללות ענין הלוחות באווייזט אויף דער שלימות פון תורה, ווי עס שטייט אין ירושלמי אויפן פסוק "מזה ומזה הם כתובים", אז אין די לוחות איז געווען אנגעשריבן כל התורה כולה, אפילו מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש.

אין די לוחות גופא זיינען געווען ענינים אין וועלכע מ'האט ניט געזען קיין נס בגלוי, און עס זיינען געווען די אותיות "מ"ם וסמ"ך שבלוחות שבנס היו עומדים", ד.ה. אז אפילו בערך הלוחות גופא, איז עס געווען אן ענין של נס, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון מ"ם וסמ"ך שבלוחות א ז תכלית השלימות שבתורה.

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם אופן הלימוד פון "מאה פעמים" - לימוד התורה ע"ד הרגילות בתכלית השלימות, בדוגמת הענין פון מ"ם וסמ"ך שבלוחות, וואס איז בגימטריא מאה, וואס דאס איז תכלית השלימות אין תורה.

וואס דאס איז די שלימות פון תורה ווי זי איז מצד עצמה - דער מספר פון מאה.

דערנאך איז דא דער ענין וואס מ'איז ממשיך אין תורה פון "נותן התורה", ובלשון הגמרא "ברכו בתורה תחלה", ד.ה. אז איידער ער הויבט אן לערנען תורה, מאכט ער די ברכה פון "נותן התורה", לשון הוה, אז איצטער ווערט געגעבן די תורה פון דאסניי, וואס דערפאר איז דער לימוד אין אן אופן פון "באימה וביראה ברתת וזיע" -

וואס די המשכה פון "נותן התורה" אין תורה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "החכמה מאין תמצא", וויבאלד אז דאס איז א המשכה פון אן ארט וואס איז העכער פון דער הבנה והשגה פון תורה (חכמה), און דאס איז פארבונדן מיט דעם מספר פון מאה ואחד - "מאין", וואס איז העכער פון דעם מ"ם וסמ"ך שבלוחות (תכלית השלימות פון תורה מצ"ע), וויבאלד אז דאס איז די המשכה פון "נותן התורה".

און דער ענין וואס קומט ארויס בפועל פון אופן הלימוד וואס איז פארבונדן מיט "החכמה מאין תמצא" איז - אז ער איז משנה די רגילות פון "שונה פרקו מאה פעמים", וואס דאס איז תכלית השלימות אין לימוד התורה, און ער איז מוסיף אין דערויף נאכמער, "מאה ואחד פעמים".

ז. והמעשה הוא העיקר:

וויבאלד אז בי"ב תמוז פון שנה זו ענדיקט זיך א תקופה פון מאה שנה, פון יום ההולדת פון בעל המאסר והגאולה, וואס ביום ההולדת איז "מזלו גובר",

[ווי דער בעל המאסר והגאולה האט גערעדט וועגן דערויף כמ"פ, און ער האט אויך געזאגט אז ביום ההולדת דארף זיך דער מענטש מתבודד זיין, און מתבונן זיין וכו', און קומען לידי החלטות טובות, כמבואר בארוכה אין די שיחות שלו],

איז א זיכערע זאך אז די תוצאה בנוגע לפועל וואס דארף ארויסקומען פון א התוועדות אין דעם טאג איז - א הוספה אין לימוד התורה וקיום המצוות, און א הוספה אין הפצת התורה והיהדות אין אן אופן פון חידוש.

ווארום די צוויי אופנים וועגן וועלכע מ'האט גערעדט פריער - א הוספה און אן עלי' בקודש וואס איז בערך צום פריערדיקן מעמד ומצב, נאר מיט מערער חיות וכו', אדער א הוספה וואס איז שלא בערך צום פריערדיקן מעמד ומצב, אין אן אופן של חידוש - איז עס אלץ ווען מ'געפינט זיך אין דער זעלבער תקופה;

אבער בשעת אז עס ענדיקט זיך א תקופה פון מאה שנה, און עס הויבט זיך אן שנת המאה ואחד - איז א זיכערע זאך אז די הוספה דארף זיין אין אן אופן של חידוש.

און וויבאלד אז עס דארף זיין א הוספה אין אן אופן של חידוש, איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער גיט די כחות אז מ'זאל דאס קענען דורכפירן בפועל.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און ס'איז פארשטאנדיק אז בשעת מ'האט די הכנה פון די פריערדיקע מאה שנה, איז אסאך לייכטער צו אויפטאן אז די עבודה זאל זיין אין אן אופן פון חידוש גדול ביותר, ווי עס וואלט געווען אן דער הכנה.

ח. ובנוגע לפועל:

יעדערער זאל אויסנוצן די ימים זכאין פון ימי הגאולה - לויט ווי דער בעל הגאולה שרייבט במכתבו אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז כו'", נאר אלע סוגים פון אידן, ווי ער רעכנט זיי אויס במכתבו - און מחליט זיין החלטות טובות אין פארבונד מיט י"ב-י"ג תמוז, אז ווי גוט די עבודה איז געווען ביז איצטער, זאל ער איצטער אנהויבן די עבודה אין אן אופן חדש לגמרי, אזוי אז ער איז משנה זיין רגילות אויך אין עניני קדושה, בדוגמת "שונה פרקו מאה פעמים ואחד".

און וויבאלד אז "כל ישראל בחזקת כשרות", איז א זיכערע זאך אז בשעת א איד איז מחליט א החלטה טובה, וועט ער טאן כל התלוי בו אויף צו מקיים זיין די החלטה, נוסף אויף דערויף וואס דער אויבערשטער עפנט אים נייע צינורות אויף צו ממשיך זיין אים כחות ער זאל קענען ממלא זיין החלטתו בשלימותה ובמילואה.

און דעמולט וועט אים נמשך א ברכה נוספת - אז ביי אים זאל מקויים ווערן דער ענין אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתים", און אז ער וועט האבן די "מאתים", זאל ביי אים ווערן דער "רוצה ד' מאות".

און בא יעדערער פון די מחליטים, בתוככי כלל ישראל, זאל מקויים ווערן די ברכה העיקרית - אז מ'זאל זיך ניט באגנוגענען מיט דער החלטה אויף צו טאן אין אן אופן חדש, און ניט באגנוגענען זיך דערמיט וואס מ'איז מקיים בפועל די החלטה, נאר גלייך נאך דערויף וואס מ'טוט שוין אין דער עבודה חדשה, זאל מען וועלן טאן צוויי מאל אזויפיל, און גלייך לאח"ז "כפליים לתושי'", וואס דער אפטייטש דערפון איז - מערער ווי צוויי מאל אזויפיל בכמות.

ט. און בקרוב ממש זאל זיין דער "מיסמך גאולה לגאולה" - אז פון דעם פראווען די ימי הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז, זאל מען זוכה זיין צו פראווען די גאולה ע"י משיח צדקנו בקרוב ממש,

וואס משיח צדקנו וועט אונז פירן קוממיות לארצנו, נאך דערויף וואס ער וועט ארויסנעמען יעדער אידן פון זיין פנימיות'דיקן גלות, און וועט ארויסנעמען כלל ישראל און יעדער אידן פון דעם חיצוניות'דיקן גלות, ואין ענין יוצא מידי פשוטו - גאולה כפשוטה פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות,

וואס דעמולט וועט מען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, און גיין צוזאמען מיט אים לארצנו הקודשה, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", במהרה בימינו ממש.

* * *

י. וואס אזוי איז אויך ווי געדעדט פריער דער חילוק פון מאה ביז מאה ואחת, איז דאס ניט נאר אז עס קומט צו נאך איינע אויף די הונדערט וואס לפני זה,

וואס דא איז דאך דא נאך א חידוש, ניט מ'זאגט אז דאס איז מאה און דערנאך די הונדערט און ערשטע, נאר מ'זאגט אז דאס איז מאה ואחת, ד.ה. אז ער האט די פריערדיקע הונדערט אויך, און אויף דערצו קומט אים צו נאך איינער, אז ער האט הונדערט און איינס -

ניט אין א מספר סידורי, אז ער ציילט א יאר נאך א יאר האט ער אפגעציילט

אז דאס איז דער הונדערסטער יאר, און דאס איז דער הונדערט און ערשטער יאר, נאר דאס איז א מספר וואס די אלע פריערדיקע איז ניט זאט איז ביי אים געבליבן אין עבר, און דאס האט ניט קיין פעולה, און דאס ווירקט ניט אויף זיין הוה, עאכו"כ ניט אויף זיין עתיד -

נאר מ'טייטשט דאס אפ, און ווי פארשטאנדיק אויך פון דער דוגמא, אז עס איז געווען די רגילות אויף לערנען הונדערט מאל, איז דאך די רגילות געווען כדי יעדער מאל זאל ביי אים צוקומען אין כח החקיקה, אין כח הזכרון, אין מוח הזכרון,

ביז וואנעט אז ער האט הונדערט מאל געלערנט, איז דאס ניט אז ער לערנט דעם הונדערט און ערשטן מאל, ער האט בשעת'ן לערנען הונדערט און איין מאל געלערנט דעם ענין אין תורה,

עד"ז איז אויך פארשטאנדיק אין עבודת האדם בכללות, וואס די עבודה פון א אידן איז דאך, ער זאל אויפהאלטן דעם עולם קטן זה האדם, איז דאס על שלשה דברים, דורך דערויף וואס ער דינט דעם אויבערשטן אין תורה, און עבודה (וואס דאס איז דער ענין התפלה, וואס במקום קרבנות תקנום), און אין גמ"ח,

איז כדי זיין עולם קטן זאל זיך האלטן דארף ער האבן די אלע דריי זאכן - כל האומר אין לי אלא תורה, איז דאך דעמולט אפילו תורה אין לו; ער מוז האבן נאך צוויי ענינים, עבודה וגמ"ח,

[וואס דאס איז אויך כולל אין זיך תפלה, ווי די גמרא זאגט אין שבת אז גומל נפשו איש חסד איז דאס דער ענין פון עיון תפלה, די עבודת התפלה],

דארף ער האבן די אלע דריי עמודים,

און אין די אלע דריי עמודים איז דאס אויך ניט דער פירוש, אז בשעה ער איז זיך עוסק בתורה איז אין אים ניט ניכר אז דאס לערנט תורה א איד וואס האט געדאוונט און א איד וואס איז גומל חסד עם הבריות, אז ער איז זיך עוסק אין גמ"ח,

ווי פארשטאנדיק אויך פון דעם דין און די הלכה אין שו"ע, אז דער סדר הרגיל, אפילו ע"פ <u>טבע</u> פון א אידן, איז די התחלה "בית הכנסת", וואס דאס איז ענין התפלה, און "מבית הכנסת לבית המדרש", וואס דאס איז ענין התורה,

און איידער ער איז מתפלל בבית הכנסת איז דאך (ווי די גמרא זאגט אין ב"ב) יהיב פרוטה לעני <u>והדר</u> מצלי, <u>דערנאך</u> שטעלט ער זיך דאוונען, לאחרי פעולת הצדקה, וואס דער דין ווערט דאך אויך אראפגעבראכט אין שו"ע,

איז ניט דער פירוש אז ער האט אפגעגעבן די פרוטה לעני, און דערנאך פארגעסט ער אויפן גאנצן ענין, כאילו לא הי' - נאר דאס פועל'ט ביי אים אין זיין אופן העבודה בתפלתו,

ובפרט אז דאס איז דאך נוגע אויך צו דעם ענין התפלה: בשעת מ'איז מתפלל, איז דאך (ווי דער רמב"ם זאגט) דער ענין התפלה איז - בשעת א איד נויטיקט זיך אין וואס פאר אן ענין עס זאל נאר זיין, איז ער מתפלל להקב"ה, און דאס ווערט א מ"ע מה"ת ער זאל אזוי טאן,

מיט וואס פאר א שטארקייט איז ער מתפלל להקב"ה, און מאנט בא הקב"ה, ער זאל ממלא זיין בקשתו,

איז אין דערויף איז דא דער יהיב פרוטה לעני, אז ער גיט א פרוטה לעני ניט פאר דער מלאכה וואס דער עני טוט פאר אים, וואס דעמולט איז דאס אן ענין וואס

ער איז משלם שכר שכיר, שכר פועל - נאר ער גיט דאס אין אן אופן פון צדקה, וואס ער איז אים גארניט שולדיק, וויבאלד אבער אז ער ווייס אז א צווייטער איז אן עני, גיט ער אים כדי ממלא זיין מחסורו וצרכיו.

האט ער די שטארקייט וואס די תורה גיט אים אז במדה שאדם מודד, בה מודדין לו, איז הדר מצלי, אז עס זאל זיין בה מודדין לו - דער אויבערשטער זאל אים געבן כל צרכיו,

נאר במדתו של הקב"ה, וואס דאס איז כמ"פ ככה, כמבואר בכמה מאמרי חז"ל.

עד"ז אויך אז דערנאך גייט ער מבית הכנסת לבית המדרש, און זעצט זיך לערנען תורה, איז אויף דערויף דא גלייך אויך דער ענין אז עס דארף זיין דער ברכו בתורה תחלה, אז דער אויבערטשער זאל אים אריינגעבן חונן לאדם דעת, ער זאל אים אריינגעבן חכמה, בינה, ודעה, ער זאל לערנען תורה און פארשטיין תורה ווי עס דארף צו זיין,

וואס אט דעמולט האט ער די זיכערקייט, אז ער וועט לערנען תורה בהצלחה, אע"פ וואס דאס איז נתן לנו את תורתו, די תורה פון דעם אויבערשטן, ביז וואנעט אז ביי דעם אויבערשטן גופא ווערט דאס אנגערופן שעשועים לפניו, און ונעלמה מעיני כל חי, און אין זיינע שעשועים זאגט די גמרא אין שבת אז צווישן די חמדה פון דעם אויבערשטן איז דאס א חמדה גנוזה לגבי שאר חמדות של הקב"ה,

איז אויב אזוי ווערט דאך א שאלה, אז די גמרא זאגט אז אפילו אין א חלום קען זיך ניט חלום'ען אריינגעמען א פילא בקופא דמחטא: ס'איז אויף אזויפיל ... שייך אז א פיל זאל דורכגיין בקופא דמחטא, אז אפילו אין א חלום, וואס עס קען דאך זיין ענינים היפך השכל זאל זיך חלום'ען - אבער אזא זאך איז אפילו אין א חלום, חלום'ט זיך דאס ניט.

און וואס א פיל און קופא דמחטא זיינען ביידע מיט א מדוה"ג, יעדערער פון זיי האט א מדה ומדידה, און אעפ"כ, וויבאלד אז דאס איז כמ"פ ככה (מיט א ריבוי, אבער אלץ א ריבוי מוגבל, מ'קען אפמעסטן מיט וויפל דער פיל איז גרעסער פון דעם לעכל פון דעם מחט), און אעפ"כ זאגט מען אז דאס איז עד כדי כך מושלל פון א מציאות והבנת האדם - אז אפילו אין א חלום וועט זיך דאס אים ניט חלום'ען,

און דא זאגט מען, אז די תורה, וואס זי איז תורתו של הקב"ה, און בא דעם אויבערשטן גופא איז דאס ניט סתם איינע פון די בריות של הקב"ה, וואס ס'איז דאך דא כמה בריות קטנים וגדולים, סיי אין כמות, און סיי אין איכות - נאר ביי אים איז דאס א חמדה גנוזה,

ביז וואנעט אז דאס איז שעשועים לפניו, שעשועים יום יום, וואס שעשוע איז דאך דיברה תורה כלשון בני אדם - א שעשוע רופט מען אן א זאך וואס דאס ברענגט א תוספת און א שעשועים, ווארום דאס איז אן אויסערגעווינלעכע זאך, ניט קיין דבר הרגיל,

איז דאך פארשטאנדיק דער גודל הערך פון תורה בא דעם אויבערשטן כביכול גופא, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דאס איז חמדה גנוזה,

דערנאך זאגט מען, אז עס קומט צוגיין א בו"ד און זעצט זיך אוועק לערנען תורה, און מ'זאגט אים, אז ניט נאר ער דארף מאכן א ברכת התורה, און אויב דאס איז תושבע"פ וועט ער מבין זיין ומשיג זיין, ער וועט פארשטיין וואס עס שטייט אין תורה -

נאר עס קען ווערן דער לימוד עד כדי כך, ביז וואנעט ווי די גמרא זאגט אין ע"ז ובתורתו יהגה און פריער שטייט תורת ה' - דערפאר וואס ער לערנט תורה

ווי עס דארף צו זיין, איז נקראת על שמו, ביז וואנעט אז חכם שמחל על כבודו איז כבודו מחול; דאס ווערט זיין תורה,

איז דאך דאס שלא בערך פון דער שלילה פון דער פילא בקופא דמחטא

און אעפ"כ זאגט מען אז א איד דארף זיך זעצן לערנען תורה, און אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל נאר שטיין, כל אחד ואחד, סיי א קטן בידיעה ובהבנה והשגה; וויבאלד אז ער איז א איד איז אויף אים געזאגט גע וארן תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב - האט ער א חיוב בלימוד התורה, בכל יום ויום, ופעמיים בכל יום, יומם ולילה!

איז דאך דאס מערניט דערפאר וואס נתן לנו את תורתו, און דער דיוק הלשון איז נתן, וואס כל הנותן בעין יפה נותן, דערפאר האט ער געגעבן אין אזא אופן אז אע"פ וואס דאס איז שלא בערך פון פילא בקופא דמחטא, איז אין דעם ענין נעמט דער אויבערשטער אראפ דער ניגוד פון די ביידע ענינים, פון תורה מיט מדידה פון א בו"ד, ביז וואנעט אז דאס קען ווערן תורתו וואס נקראת על שמו,

ווי אזוי איז דאס, איז דאס דורך דערויף וואס ער פארבינדט זיך פריער מיטן אויבערשטן: קודם הלימוד דער ענין [פון] ברכת התורה, ברכו בתורה תחלה, ובכללות, אז ווי אזוי קומט ער אין בית המדרש לערנען תורה, קומט ער אהינצו פון בית הכנסת, וואס דארט איז געווען דע לפני מי אתה עומד, ער האט זיך פארבונדן מיטן אויבערשטן,

וואס דאס איז דאך אויך דער אפטייטש פון תפלה, ווי רש"י טייטשט אפ אויף נפתולי אלקים נפתלתי, די צוויי פירושים, לשון תפלה, און לשון קשר וחיבור, התופל כלי חרס, ווי עס ווערט אראפגעבראכט אויף דערויף די משנה,

וכמדובר אמאל בארוכה דער דיוק און דער קשר מיט דער משנה, ווארום יעדער מענטש אויב ער וויל לערנען תורה, דארף דאך זיין די הקדמה פון ונפשי כעפר לכל תהי', וואס דאס איז דער ענין וואס ער מאכט פון זיך א כלי אויף מקבל זיין די תורה, די תורה אבער איז געמאכט ניט א כלי ברזל אדער כלי מתכת, אפילו ניט כלי עץ, א צומח, נאר דאס איז כלי חרס, עפר מן האדמה,

און אויף דערויף זאגט מען אז ער איז תופל כלי חרס, פארבינדט מען דאס מיטן לשון תפלה, כאטש אפילו דארט שטייט מיט א טי"ת און דארט שטייט מיט א תי"ו, בכמה גירסאות במשנה,

וויבאלד ער קומט אין בית המדרש לערנען תורה, נאך דער הקדמה וואס ער האט זיך מתחבר געווען מיטן נותן התורה, און ווי אזוי קען ער זיך מתחבר זיין מיטן נותן התורה, דורך דערויף וואס ס'איז געווען פריער די הקדמה פון יהיב פרוטה לעני -

איז אט דעמולט איז ער מצליח אין דעם לערנען בהצלחה רבה, ביז אויך אין א הצלחה למעלה ממדידה והגבלה.

וואס אט דא זעט מען דאך אויך אז ס'איז ניט דער פירוש אז ער האט אפגעגעבן די צדקה און פארענדיקט איין ענין, דערנאך הויבט ער אן א צווייטן ענין, אן קיין רושם, אבער בלשון הידוע פעולה נמשכת פון דעם פריערדיקן ענין,

נאר די פעולה פון נתינת הצדקה דארף אין אים פועל זיין בשעת התפלה, דערנאך דארפן די ביידע פועל זיין בשעת לימוד התורה,

און דעמולט האט ער די שלשה עמודים שעליהם העולם קטן זה האדם עומד, וואס דארט איז דאך אויך ווי בפשטות הענינים דארף מען דאך האבן אלע דריי ענינים צוזאמען,



הנחה פרטית בלתי מוגה

- י"ב תמוז תש"מ - ט -

און וואס נאכמערער: ניט ווי יעדער ענין איז בפ"ע, וואס עס קען דאך זיין א לימוד התורה בפ"ע און עבודת התפלה בפ"ע, און עבודת הצדקה וגמ"ח (וכללות ענין המצוות) בפ"ע,

נאר מ'זאגט אויף דערויף והחוט המשולש לא במהרה ינתק, איז דאך דער ענין און תוקף פון א חוט המשולש, אז לא במהרה ינתק, איז דאס דורך דעם וואס ניט עס ליגן דריי חוטים אויפן זעלבן טיש, אין די זעלבע ד' אמות,

נאר אז די דריי חוטים זיינען שזור (צוזאמען געפלאכטן), ביז וואנעט אז פון זיי ווערט א חבל, חבל נחלתו, ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו אין פרשת האזינו,

וואס א חבל באשטייט דאך פון כמה חוטים, ובכללות פון דריי חוטים, און אט דאס וואס א איד ווערט אנגערופן חבל נחלתו, איז דאס דערפאר וואס ער געהערט צום עמא תליתאי, איז יעדער איד ווערט אנגערופן אז ער איז א חלק (איינער) פון עמא תליתאי,

און ביי אים איז די ענינים כמדובר ווי דאס שטייט אין תורה ומצוות, איז דאס אין אן אופן פון חוט המשולש, אז נוסף וואס ס'איז דא דריי (שלשה) חוטים - ווערט דערפון איין חוט, און דער חוט שטייט אין אן אופן אז ער איז א משולש, אז דאס איז איין חוט, איין חבל,

און דאס בינדט אים צוזאמען, אז ער ווערט נחלתו של הקב"ה, וואס ירושה ונחלה איז דאך אין לה הפסק,

וואס עד"ז איז אויך בענינינו, אז אע"פ וואס כדי עס זאל זיין אן עבודה מסודרת, ובפרטיות אין די ענינים וואס מ'האט גערעדט - קען מען דאך ניט טאן דריי זאכן מיט אמאל, געבן צדקה, און לערנען תורה, און מתפלל זיין, דאס איז לכאורה דריי באזונדערע זאכן?

מצד אבער בשעת ער גיט צדקה, גיט ער דאס בכל נפשו, ובלשון השו"ע ער גיט דאס בסבר פנים יפות, ניט נאר בסבר פנים, נאר בסבר פנים יפות, וואס דאס איז מדגיש אז ער לייגט אריין זיין גאנצן חיות, און זיין גאנצע מציאות אין דער נתינת הצדקה,

איז אע"פ וואס דערנאך, אין די כחות הגלויים, אין כח המעשה שלו, אין נתינת הצדקה, גייט ער אריבער אין דיבור פון אותיות התפלה, און דערנאך אותיות התורה -

איז דאס מערניט וואס אין כחות הגלויים האט ער זיך פריער פארנומען מיט כח המעשה, און דערנאך פארנעמט ער זיך מיט כח הדיבור;

מצד פנימיות הנפש, וואס דאס איז עיקר האדם, איז אט דאס וואס פנימיות הנפש איז געלעגן אין דעם ענין נתינת הצדקה - איז בלייבט דאס דארטן בתקפו, ובלשון התניא יחוד זה למעלה הוא נצחי, בלייבט דאס בתקפו ובקיומו בשעת ער איז דערנאך מתפלל אין אותיות התפלה,

וואס אין דערויף דארף דאך אויך זיין בלשון הידוע אז איתא בספרי אז בכל קראנו אליו, אליו ולא למדותיו, אז ער איז מתפלל לך אמר לבי בקשו פני את פניך ה' אבקש, ער איז מתפלל צו פנימיות, צו עצם, אליו ולא למדותיו,

דערנאך אויך אז ער לערנט תורה, לערנט ער דאס אין אן אופן בהקדמת ברכת התורה, נותן התורה לשון הוה, אז ער ווייס אז דאס לערנט ער, און הקב"ה קורא ושונה כנגדו, און א ווארט וואס ער זאגט אין תושב"כ אדער אין תושבע"פ - איז בשעת מעשה איז הקב"ה קורא תושב"כ ושונה תושבע"פ, און דאס איז כנגדו, לויט אט [illegible] אופן [illegible] ער טוט דאס,

וויבאלד אז דאס איז אויך פארבונדן ביי אים מיט פניך ה', און מיט בקשו פני, זיינן פנימיות ועצם הנפש - שטייט דעמולט בבת אחת ביי אים, מצד פנימיות הנפש, וואס דאס איז זיין עצם מציאות, און אמיתית המציאות - בבת אחת דער חוט המשולש - דער גמ"ח, און די עבודה זו תפלה, און דער ענין התורה.

און אט דעמולט האט מען די הבטחה פון לא במהרה ינתק, אז אפילו אז ס'איז דא די מלעיגים, אדער בדוגמת המאסר פון דעם בעל המאסר והגאולה, אז עס שטעלט זיך אוועק א מלוכה אדירה מיט דעם גאנצן שטורעם מיט אלע אירע כחות אויף ניט צולאזן פארשפרייטן דעם חוט המשולש -

איז זעט מען אז ווער איז מנצח, אז ניט נאר אל <u>יבוש</u> מפני המלעיגים, נאר דערנאך די מלעיגים גופא ווערן דערנאך מוכרח אז בעל כרחו יענה אמן, אז ניט נאר אז עס זאל זיין די גאולה, נאר דערנאך זאל זיך אנהויבן א תקופה חדשה, וויבאלד אז ס'איז נתפרסם געווארן בכל המדינה ההיא אז דער מאסר איז געווען אויף הפצת התורה והיהדות, און ס'איז געווען כמה הוכחות לזה, והראי' - ס'איז געווען די החלטה אויף אן עונש הכי קשה, כמסופר אין די רשימות פון בעל המאסר והגאולה -

האט מען געזען אז במשך פון געציילטע טעג איז געווארן מן הקצה אל הקצה דער ענין פון דער גאולה,

און ס'איז אויך ארויסגעקומען (ווי ער האט געזאגט דעם מאמר, און דערנאך חזר'ט מען דעם מאמר), אז גפן ממצרים תסיע תגרש גוים ותיטעה, און ברענגט דארט אראפ דעם מאמר חז"ל אז מה הגפן כדי זי זאל מצליח זיין, איז עוקרין אותה ממקומה ושותלין אותה במקום אחר, וואס דעמולט וואקסט זי מיט א הצלחה גדולה,

און איז דארטן ממשיך אז אזוי איז אויך נעמט מען ארויס א אידן פון זיין טבע, פון זיין מקום, און מ'שטעלט אים אוועק במקום אחר - אט דעמולט ווערט א הצלחה רבה אין זיין גידול (אין זיין וואקסן),

וכהמשך הכתוב, כאטש ער ברענגט דאס ניט אראפ אין דעם מאמר, תגרש גוים ותיטעה - דאס פארטרייבט די שליטה וואס גוים האבן אויף ענינים אין עוה"ז, וואס ער איז דאך אן עוה"ז הגשמי און אויך החומרי, איז א איד טרייבט ארויס די גוי'שקייט פון חלקו שבעולם,

ותיטעה און דארטן זייט ער איין און פלאנצט איין דעם "גפן ישראל", דארט הויבט אן וואקסן אידישקייט, ביז וואנעט אז עס ווערט א יין המשמח אלקים ואנשים,

און דערנאך ווערט דערפון א נתינת כח און א הוראה, אז בכל התוועדות פון י"ב-י"ג תמוז זאל מען זיך ניט שרעקן אז אע"פ וואס כלה קיץ ועדיין לא נושענו, מ'געפינט זיך נאך אין גלות אין א חושך כפול ומכופל, און ס'איז דא גוים און גוי'שקייט ארום און ארום, און אידן זיינען אין אן אופן פון אתם המעט מכל העמים, וואס דאס שטייט אין <u>תורת אמת</u>,

דארף מען וויסן זיין, אז דער מעט איז מערניט ווי בכמות, און אפילו בכמות, פארוואס קען מען זאגן אויף דערויף אתם המעט - איידער מ'לערנט דעם המשך הכתובים, אז א איד איז פארבונדן מיטן אויבערשטן,

איז ניט נאר אז באיכות קען מען אים גאר ניט פארגלייכן לשאר העמים, נאר אפילו בכמות פארבינדט ער זיך מיטן אויבערשטן, באקומט ער א כמות בלתי גבולית,

און אט דעמולט איז ער פועל פעולתו אויף דורכפירן די אלע החלטות טובות, וועגן וועלכע עס האט זיך גערעדט פריער,

וכמדובר, אז בשעת ער וועט מחליט זיין אויף צו טאן אין די אלע דריי קוים, טאן גמ"ח; וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט אהבת ישראל, וואס די אהבת ישראל דארף דאך זיין כמוך, ואהבת לרעך כמוך, איז דאך פארשטאנדיק אז ער טוט דאס בכל נפשו, כמוך, [פונקט] ווי ער טוט אין אן ענין וואס איז זיינער אן ענין וואס איז אים נוגע,

עד"ז ווען ער איז מתפלל להקב"ה, תפלה פון לשון נפתולי אלקים, ער פארבינדט זיך מיטן אויבערשטן, ביז וואנעט אז ער ווערט איין מציאות מיט אים כביכול,

דערנאך אויך אז ער לערנט תורה, אויך אין אזא אופן אז ער ווייס אז הקב"ה קורא ושונה כנגדו, בשעת מעשה ווען ער זאגט דעם ענין אין תושב"כ, און תושבע"פ,

איז דאך די תקוה און די בקשה, און דער נתינת כח פון בעל המאסר והגאולה, אז מ'זאל ארויסגיין אין גאס (אין רה"ר), און זוכן א אידן דארטן, אדער טרעפן א אידן ניט געזוכטערהייט,

אבער דערמיט זיך ניט באגנוגענען, מ'דארף אים אויפזוכן, און דערמאנען אים, אז אע"פ וואס בשם ישראל יכונה, ער רעכנט אז דאס וואס ער איז א איד איז ביי אים מערניט ווי א כינוי, אבער דאס איז ניט זיין שמו האמיתי: ער איז אן אמעריקאנער און אן ענגלענדער, און א גוטער ענגלענדער, ועד"ז בשאר המדינות,

זאגט תורת חיים, הוראה בחיים, אז דער סדר איז סדר הפוך: ווי אזוי קען ער זיין א גוטער אמריקאנער - ווען ער וועט פריער זיין דאס וואס ער דארף זיין, וואס דאס איז זיין אמת'ע מציאות - ער וועט זיין א גוטער בן ישראל, אדער בת ישראל,

ועד"ז בנוגע צו א גוטער ענגלענדער וכו', מיט אלע שבעים אומות, וואס זיי זיינען כולל כל האומות כולם,

איז בשעת ער גייט ארויס און טרעפט א אידן - איז דאך זיכער אז ער הויבט אן טאן מיט אים, אבער דאס איז נאך ווייניק: וויבאלד אז דאס איז כמוך, זוכט ער וואו געפינט זיך זיין חלק וואס ליגט אין א צווייטן אידן, ווארום אויב ער וועט אים ניט געפינען - פעלט ביי אים אין זיין מציאות,

איז אט דעמולט, בשעת ער פארנעמט זיך מיט אט דעם אידן אין ענין פון גמ"ח, אדער תפלה, אדער תורה - דארף ביי אים דאס זיין פארבונדן, און ער דארף פילן בפנימיות נפשו, אז אע"פ וואס ער גיט אים אן עצה טובה, אדער צדקה, און אין דערויף ליגט ער אינגאנצן; ער גיט דאס בסבר פנים יפות, און מיט אלע תנאים וואס צדקה מאנט אז עס זאל זיין בנתינת הצדקה -

דארף דאס זיין אויך פארבונדן דערמיט וואס דאס טוט א איד וואס האט ערשט געדאווענט פארן אויבערשטן, איז אט דעמולט ווערט די נתינת הצדקה אין אן אופן של הצלחה,

ועד"ז א איד וואס האט געלערנט תורה בו ביום, איז דעמולט אויך די נתינת הצדקה אין אן אופן וואס ע"פ תורה איז, וואס אט דעמולט גיט ער צדקה כדבעי, ניט נאר אויף צו יוצא זיין, נאר ער גיט א קוק אין שו"ע, איז מעשר איז א זיכערע זאך אז ער גיט, דערנאך באגנוגענט ער זיך ניט דערמיט: וויבאלד ער האט פריער געדאווענט, און מאנט ביים אויבערשטן מדה כנגד מדה -

איז דאך א זיכערע זאך אז פאר זיך וויל ער מן המובחר, וועט ער אויך געבן צדקה אויך אין אן אופן פון עכ"פ חומש,

דערנאך כאפט ער זיך אז כל אשר לאיש יתן בעד נפשו, וואס דעמולט איז דאך ניטא די תקנת אושא פון המבזבז אל יבזבז יותר מחומש,

און ווי אחרונים זיינען מסביר, אז דאס איז ניט קיין בזבוז; דאס גיט ער בעד נפשו,

וועט ער אים געבן כהנה וכהנה, ווארום כמדובר, בשעה ער גיט צדקה - גיט ער דאס אלס א חוט המשולש, אין דערויף איז אריינגעמישט וואס ער האט פריער געדאווענט און פריער געלערנט וכו',

און ניט דער פשט איז ח"ו אז ער ווארט מיט נתינת הצדקה ביז וואנעט ער וועט פריער גיין אין וואסער, דערנאך וועט ער דאוונען באריכות, און דערנאך וועט ער לערנען בהתלהבות אלע זיינע שיעורים בתורה, און דערווייילע וויס מען ניט וואס וועט זיך אפטאן מיט דעם עני -

איז דאך ידוע דער סיפור פון נחום איש גמזו, און אויך ווי דערמאנט פריער, דער פשוט'ער דין אין שו"ע, אז לכל לראש הויבט זיך גאר אן דער טאג ביי א אידן, עפ"י וואס לכאורה איז התחלת הבוקר איז דאך מיט אן ענין של תפלה, זאגט מען אז נאך פאר דערויף איז דא דער יהיב פרוטה לעני,

וואס דאס איז אויך בהנוגע לפועל, כמדובר לעיל, אז זיכער אין די החלטות טובות, און אין אן אופן פון מחודש לגמרי, איז דערנאך, בשעת מ'איז זיי מקיים בפועל, דארף דאך דאס זיין אין אן אופן מסודר, איז יעדער ענין ווערט געטאן בפ"ע -

דארף ער אבער זיין דורכגענומען, אז ער טוט מיט א צווייטן וועגן איין מצוה, זאל דער צווייטער אויך פילן אז דאס איז איין מצוה פון ת' ר' י' ג' מצוות,

ניט ח"ו זאגן אים אז דאס איז אינגאנצן, כדעת הטועים והמטעים, אז כדי ניט אנצושרעקן א אידן דארף מען אים דערציילן וועגן איין מצוה, און זאגן אים אז דאס איז אינגאנצן כדי אים ניט אנצושרעקן!

כאמור, וואס דאס האט דאך געבראכט צו בלבולים, וויבאלד אז דאס איז היפך האמת,

איז אמת טאקע מ'קען ניט אנהויבן מיט אמאל לערנען מיט יענעם 613 הלכות, אדער טאן מיט יענעם כמה פעולות בב"א; מ'דארף טאן מיט יענעם א פעולה אחת,

בשעת מעשה אבער באווארנט ער, אז ער זאל וויסן זיין אז דאס איז איין פעולה פון א ריבוי פעולות, וועגן וועלכע ער וועט רעדן מיט אים שפעטער,

און דערנאך זיך אריינגעבן און אריינווארפן זיך און אויפטאן - אין דער פעולה אחת.

און אט דעמולט האט מען די הבטחה פון דעם אויבערשטן, אז בשעת ער טוט די פעולה גייט דאס בהצלחה רבה,

און לויט דעם ווארט פון ר' סעדי' גאון (וואס דער בעש"ט האט אים געזאגט, און חסידות ברענגט דאס אראפ כמ"פ) אז העצם כשאתה תופס בחלקו (אדער ווי דער צווייטער לשון - במקצתו) אתה תופס בכולו,

אז דורך דערויף וואס ער רעדט, און טוט מיט א אידן, אין א חלק פון תרי"ג מצוות, רעדט ער דאך דאס מיט אים אלס א חלק מן העצם, איז סוכ"ס פועל'ט דאס אויף אין אידן אז דערנאך ווערט ער אויך פארבונדן מיטן עצם, ובלשון המשנה מצוה גוררת מצוה,

און דער איד איז הולך ומוסיף ואור אין נר מצוה ותורה אור, כולל אויך -



הנחה פרטית בלתי מוגה

אז דער איד אליין ווערט דערנאך א טופח על מנת להטפיח - ער גייט ארום און ברענגט אריין אידן אין אידישקייט, אין אן אופן פון תגרש גוים ותיטעה, ער פארטרייבט די גוי'שקייט פון חלקו בעולם,

און דערנאך לייגן זיך צוזאמען כו"כ פון אידן, וואס יעדערער פון זיי איז מקיים זיין חלק אין תגרש גוים, ווערט דערנאך דער ותיטעה, דער נצר מטעי מעשה ידי להתפאר,

אז מ'גייט לקראת הגאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט ערשט זיין דער לעבדו כולם שכם אחד, אז מ'פועל'ט אויך אין דער גאנצער וועלט אז זי וועט דינען דעם אויבערשטן במצוות שלהם, און אידן זיינען אור לעמים, א נר עולם, דורך דערויף וואס זיי האלטן זיך אין נר מצוה ותורה אור,

וכמוזכר לעיל - דער מיסמך גאולה לגאולה, אז מ'זאל בקרוב זוכה זיין פון ימי גאולה אלה, אז יהפכו ימים אלו פון די דריי וואכן, למועדים ולימים טובים, ווארום עס קומט במהרה בימינו ממש, משיח צדקנו, וועלן דאך די ימים אלו אויך ווערן, ואדרבה - נאך נתהפך ווערן ניט צו סתם ימים, נאר צו ימים טובים ולרגלים,

ובמהרה בימינו ממש.

* * *

בהמשך וואס מ'האט פריער גערעדט בנוגע אז אין בית המדרש קומט מען אן לאחרי ההקדמה פון בית הכנסת, און אין בית הכנסת איז די תפלה כדבעי ווען ס'איז דא דער יהיב פרוטה לעני והדר מצלי,

און בפרט נאך אז דאס ווערט אין אן אופן פון חוט המשולש, אז די אלע דריי ענינים ווערן צוזאמענגעפלאכטן און עס ווערט פון זיי אלעמען איין חבל, וואס דער חבל ווערט אנגערופן חבל נחלתו, כפירוש רש"י,

און מסביר געווען דעם הכרח הדבר במכ"ש וק"ו: מה-דאך אז עס קען ניט זיין לעולי פילא בקופא דמחטא, עאכו"כ אז עס קען ניט זיין אז שכל פון א בו"ד מדוד ומוגבל זאל קענען אויפנעמען און באנעמען און מקיף זיין, ביז וואנעט אז נקראת על שמו - תורת ה', חכמתו, נתן לנו את תורתו,

ווערט דאך עפ"ז די שאלה: ווי אזוי איז דא די מציאות ביי אזא וואס האט ניט געהאט די הקדמה פון בית הכנסת, און יהיב פרוטה לעני, און אעפ"כ זעט מען די מציאות אז עס קען זיין אז ער לערנט און איז מצליח אין לערנען, ביז וואנעט אויך אין לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא,

ווארום דערנאך געפינט מען אז ער האט גע'פסק'נט אין אזא אופן ווי עס האט גע'פסק'נט אזא וואס האט געהאט די הכנה, און וואס לדעת כולם איז דאס א פס"ד.

די קשיא ווערט נאך גרעסער: אויב אזוי ווי קען זיין דער לימוד התורה אין אן אופן פון הבנה והשגה ע"י אוה"ע?!

אפילו אז מ'זאגט אז דאס איז בלימוד הלכות שלהם, אין מצוות שלהם, איז דאך דאס אבער אויך א חלק פון תורת ה',

ובפרט נאך לויט דעם דיוק און פס"ד פון דעם רמב"ם, אז דאס וואס א ניט-איד (בן נח) איז מחוייב מקיים זיין שבע מצוות דילי', וואס במילא דארף ער דאך אויך לערנען די הלכות שלו - איז דאס ניט דערפאר ו אס אזוי קומט אויס ע"פ חכמה שלו, אדער מ'איז אים מסביר אז דאס איז א גוטע זאך אין א נוצליכע זאך, און א דבר וברחל וכו' -

נאר די הסברה דארף זיין, אז אזוי האט דער אויבערשטער איבערגעגעבן משה רבינו בשעת מ"ת, אז מ'דארף זען אז בני נח זאלן מקיים זיין זייערע ז' מצוות, ובמילא אויך לימוד התורה וואס איז פארבונדן מיט די ז' מצוות, מיט די אלע פרטים ווי דער רמב"ם רעכנט דאס אויס אין הל' מלכים ומלחמותיהם.

נאר מ'זעט דאך אויך אז בשעת זיי האבן געלערנט תורה, אויך אין שאר חלקי התורה, האבן זיי מכוון געווען אין די ענינים, ווי מ'געפינט אז זיי האבן זיי מפרש געווען ווי עס האבן מפרש געווען חכמי ישראל לומדי תורה מישראל.

וואס לכאורה דא איז'דאך ניט שייך ח"ו זאגן אז נתן לנו את תורתו, די תורה איז בפירוש געגעבן געווארן מערניט ווי צו אידן, וואס דערפאר איז דאך עכו"ם שלמד תורה, איז אט דעמולט ווערט ער אויס מציאות, דערפאר וואס ניט אויף דערויף האט מען אים באשאפן, ער האט ניט וואס צו טאן בעוה"ז, וואס דערפאר איז דער עונש זיינער העדר המציאות, כמדובר כמ"פ.

איז די הסברה בזה, אז דאס איז מוכרח כדי עס זאל זיין די מציאות פון בחירה, ובחרת בחיים, און די בחירה זאל זיין א בחירה אמיתית, א בחירה חפשית.

אויב מ'וואלט געזען בפשטות, ביז בשכל האדם ובעיני בשר, אז ווי אזוי קען מען פארשטיין אן ענין אין תורה, איז דאס דוקא ווען ס'איז דא די הקדמה פון בית הכנסת, און לפנ"ז נתינת הצדקה, עאכו"כ אז דאס איז מערניט ווי ביי אידן -

איז אט דעמולט וואלט בטל געווארן דער ענין פון בחירה חפשית, בחירה אמיתית בנוגע צו לימוד התורה.

וואס דערפאר האט דער אויבערשטער, בדוגמא ווי ער זאגט אין מדרש בנוגע צו זהב, זאגט ער אין רבה (אין ב"ר) אז זהב איז באשאפן געווארן מערניט ווי צוליב דעם מקדש: אזוי ווי מ'דארף האבן זהב אין משכן (ולאחרי זה אין מקדש) איז במילא האט מען דערנאך אויך געגעבן דעם זהב אויך בעולם.

וואס לכאורה: וואו איז דא דער הכרח הדברים?! ובפרט נאך לויט דעם מ"ד אז תחש איז דאס געווען א בריאה חד פעמית, און ס'איז געווען מערניט ווי במשכן, זעט מען דאך אז עס קען זיין ענינים וואס איז [שייך] מערניט [ווי] אין משכן?!

און דערנאך וואו איז דא די הסברה: עס קען זיין אן ענין וואס איז באשאפן געווארן מערניט ווי צוליב משכן און מקדש אליין?!

איז דאך אויך די הסברה בזה, אז משכן און מקדש איז איינער פון די ציוויים של הקב"ה, איז דאס פארבונדן מיט ובחרת בחיים, און דער אויבערשטער וויל אז עס זאל זיין א בחירה אמיתית, בחירה חפשית -

איז א הכרח אז עס זאל זיין אויך בעולם, דערנאך זאל קומען צוגיין א איד און נעמען פון דעם זהב שבעולם, און זאל אפגעבן - ויתנו לי תרומה זהב וכסף ונחושת, די אלע דרייצן (אדער פופצן) זאכן וואס ער רעכנט אויס בכתוב.

ווי דאס איז אין ענינים שבגשם העולם ווי זהב, עד"ז אויך איז דאס בנוגע צו הבנת והשגת האדם, וואס דער אויבערשטער וויל אז א איד זאל מיט א בחירה אמיתית זאל זיין ובחרת בחיים, לערנען תורה, וואס היא חיינו ואורך ימינו, און זאל דאס לערנען בהקדמת ברכו בתורה תחלה, אז ער זאגט נותן התורה, נותן לשון הוה,

כדי עס זאל זיין די מציאות פון דער בחירה האט דער אויבערשטער אראפגעלאזן דאס נאך נידעריקער, אז דאס זאל קענען אויך אנקומען אין הבנה והשגה פון אן אינו יהודי, וואס אט דעמולט איז שייך א בחירה אמיתית.

אין-דערויף גופא דארף דאך אויך זיין א הוראה אין עבודה פון א אידן, איז די הוראה בזה גאר בפשטות: אויף וויפל ס'איז נוגע דער ענין הבחירה.

עד כדי כך, אז דאס וואס ס'איז חמדה גנוזה של הקב"ה, ובלשון (ווי גערעדט פריער בארוכה) ואהי' שעשועים לפניו, שעשוע יום יום, דאס איז ניט סתם א בריאה של הקב"ה, אדער א בריאה וואס פארשאפט נחת רוח דעם אויבערשטן - נאר דאס פארשאפט אים שעשועים, און שעשועים בכל יום ויום,

איז פארוואס האט ער דאס אראפגעלאזן מאיגרא רמה לבירא עמיקתא אין סתר המדריגות עד כדי כך אז אפילו אן איננו יהודי (אדער א יהודי וואס וויל טאן ר"ל היפך התורה, היפך רצון נותן התורה) - זאל ער אויך קענען האבן א שליטה, א הבנה והשגה אין דער תורה, ביז וואנעט ער איז איר מבין ומשיג ומשכיל, מיט די אלע פרטים ושלימות, ווי דער אלטער רבי דערמאנט אין אנהויבס פון ספר תניא קדישא לו, אין פרק חמישי, ובכ"מ,

ובלשון הרמב"ם אז דאס איז תורה וואס דאס איז הוא המדע והוא הדיעה והוא היודע והוא הידוע, און מ'געפינט דאס אז דאס קען נתלבש ווערן און ווערן איין זאך כביכול מיט אן איננו יהודי, אדער מיט עושה היפך הרצון!

איז דאס מערניט כדי א איד זאל קענען ארויסווייזן אז ער איז א בוחר בחיים אין אן אופן פון א בחירה חפשית, בחירה אמיתית שלו.

זעט מען אויף וויפל ס'איז וויכטיג דער ענין פון ובחרת.

בשעת דערנאך קומט צוגיין ר"ל און מ'ניצט אויס אט דעם כח הכי נעלה, וואס ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ פון רמב"ם (מורה נבוכים) אז דער ענין הבחירה אמיתית איז דא הן האדם הי' כאחד ממנו, איז דאס דא מערניט ווי אין עצמות כי לא קדמה לו סיבה ועילה ח"ו, מערניט ווי בא דעם אויבערשטן און ביי א אידן,

וואס דאס באווייזט דאך אויף גודל ענין הבחירה ,

און ער נוצט דאס אויס און קאכט זיך אין אן ענין של רשות - איז דאס ניט אן ענין וואס ער נעמט א פרוטה און גיט דאס אוועק אויף א דבר בלתי רצוי, אדער ער נוצט דאס אויס אויף עניני־ם של מה בכך, אויף עניני הרשות -

דאס נעמט ער א הון יקר ועצום, איינע פון די טייערסטע זאכן וואס דער אויבערשטן האט אים געגעבן, און האט דאס אים געגעבן אלס א אידן, און אויף וואס נוצט ער אויס דעם הון יקר ועצום - איז דאס אויף א דבר של מה בכך, אויף א דבר של רשות, אדער נאך ר"ל ערגער - אויף א דבר המזיק!

וואס אט דאס איז כמדובר בארוכה במ"א, אז בשעת עס קומט צוגיין דער יצה"ר, און זאגט אים: אז וואס קאכסטו זיך אזוי, עס רעדט זיך וועגן א דקדוק קל של דברי סופרים, עס רעדט זיך מערניט ווי וועגן א מנהג ישראל, וואס אמת טאקע תורה היא, אבער אעפ"כ איז דאס א מנהג,

און דאס רעדט זיך וועגן א פעולה חד פעמית - איין-און-איינציקן מאל וועסטו טאן א קרומקייט, אדער א דבר של מה בכך, ניט אויסנוצן א רגע פון ימי חייו אויף א דבר הרצוי?!

איז דאס ניט א זאך וואס דאס מעסט זיך וויפל רגעים ער גיט אויף דערויף אוועק, אדער וויפל מרץ ער גיט אויף דערויף אוועק, אדער וויפל ער איז אין דערויף אריינגעלייגט מיט כח העשי' שלו, צי כח הדיבור שלו, צי כח המחשבה שלו -

דאס נעמט ער זיין כח הבחירה, וואס בחירה איז ביי אים פארבונדן דערמיט וואס ער איז חלק אלוקה ממעל ממש (ווי דער אלטער רבי איז מוסיף אויף לשון הכתוב חלק אלוקה ממעל - אויך דעם ווארט ממש) - און ער נעמט אט דעם כח הבחירה, וואס דאס איז (כאמור לעיל) פון די טיפערסטע און די העכסטע זאכן וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן - און שפארט דאס אריין אין בית הכסא ר"ל, אדער עכ"פ אין א דבר של רשות, וואס האט אינגאנצן קיין תפיסת מקום ניט ביי א אידן, וואָרום דאס האט קיין תפיסת מקום ניט אין עולם התורה, וואס אידן און תורה איז דאך דאס חד הוא - ישראל אורייתא וקוב"ה כו"ח,

און ס'דאך קיין נפק"מ ניט צי דער אלטער רבי ברענגט דאס אין תניא בנוגע צו אן עבירה, אז בשעת מ'נעמט ראשו של מלך, ובדוגמא דידן - מ'נעמט דעם כח הכי נעלה וואס איז דא ביי א אידן, און פארבונדן מיט פנימיות נפשו, מיט חלק אלוקה ממעל ממש שלו, און ער טוט דאס אריין אין דבר רשות!

דער תירוץ אז דאס איז מערניט ווי א רגע אחד און א השתדלות קטנה, און מערניט במרץ הכי קטן - האט דאס אינגאנצן ניט וואס צו בארעכטיקן די עולה הכי גדולה וואס ער טוט מיט זיך אליין.

וואס דאס קומט אויך בהמשך להמדובר לעיל, אז דער בעל המאסר והגאולה האט דאך געוואלט אז מ'זאל ארויסגיין אין רשות וואס דאס איז א רשות הרבים - דארט איז דא כו"כ רוחות, סיי רוחות-טובות, סיי רוחות היפך הרוחות הטובות, און דארטן זאל מען כאפן אידן און ברענגען זיי צוריק צו אידישקייט, און זיך ניט לאזן אפוועגדן די שימת לב לאיזה ענין שיהי', ווארום פקוח נפש איז קודם לכל דבר -

איז אט דא ווערט דאך די שאלה: איז וואס איז דא די עולה אז ער וועט אויף א "ווילינקע" פארנעמען זיך מיט ענינים של מה בכך; וויבאלד אז דאס איז א דבר המותר, ניט קיין דבר איסור וכו', אדער (כמדובר) ס'איז מערניט ווי א מנהג?

איז אבער דער מנהג פארבונדן מיטן כח הבחירה וואס מ'האט אים געגעבן הרשות והיכולת נתונה לכל אחד ער זאל זיך פירן ווי דער אויבערשטער וויל, אדער ח"ו אנדערש,

און אז מ'נעמט "ראשו של מלך", בלשון התניא, אדער (כמדובר לעיל) דעם כח הכי נעלה, וואס איז פארבונדן מיט פנימיות נפשו, און ער לייגט דאס אריין אין א דבר של מה בכך - איז דאס די גרעסטע בלבול בסדר העולם, און דער גרעסטער היזק וואס ער קען אפטאן ר"ל זיך אליין.

וואס אט דאס גיט צו נאכמער עידוד, און נאכמער הבטחה, אז בשעת ער וועט זיך מתבונן זיין אין דעם לימוד וואס מ'נעמט פון דעם מאסר וגאולה, בכלל ובפרט נאך (כמדובר לעיל) אז עס האט זיך געענדיקט די מאה שנים ראשונות פון יום ההולדת של בעל המאסר והגאולה, און עס קומט די התחלה פון מאה פעמים ואחת,

וואס ס'איז דאך מזלו גובר בפרט אין יום ההולדת, כמאמר בעל המאסר והגאולה, וכמדובר לעיל בארוכה,

איז א זיכערע זאך אז מ'האט אלע כחות דורכפירן אט די שליחות ובשלימותה,

און צוגרייטן (כאמור לעיל) פון דער גאולה אין גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט זיין די <u>גאנצע</u> וועלט אין אן אופן פון לעבדו <u>כולם</u> שכם אחד, ווי דער רמב"ם ברענגט אויך אראפ אין סיום ספרו יד החזקה, און <u>אין</u> דעם ספר גופא דער סיום פון הל' מלכים,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס דאס איז דאך געזאגט געווארן אויף מאן מלכי רבנן, ובכלל אויף אלע אידן, וואס מ'האט זיי געבענטשט בא מ"ת און געגעבן די הבטחה אז אתם תהיו לי (לשון הבטחה) ממלכת כהנים וגוי קדוש, א סגולה מכל עמי הארץ,

במהרה בימינו ממש, זען דאס בגלוי, בביאת משיח צדקנו.

* * *

בהמשך להאמור לעיל, דער חילוק פון מאה פעמים ביז מאה פעמים ואחת, אז אע"פ אז אין די הונדערט מאל דארף צוקומען אין יעדער מאל לגבי די פעמים הקודמות,

ווארום אט דאס וואס ווערט דער שלימות אין זכרון (ועד"ז אין שאר השלימות), איז דאך דאס ניט מיט דעם הונדערטסטן מאל אליין, נאר דאס איז ביסלאכווייז ווערט אלץ ניתוסף, ביז וואנעט אז ער איז משלים און לומד דעם ענין בפעם המאה (דעם הונדערטסטן מאל), האט ער אין זיך וואס ער האט געלערנט הונדערט מאל, בלייבט דאס בזכרונו, וואס דערפאר איז געווען די רגילות אז מ'האט ניט געטארט פארשרייבן - הרגילות בימיהם ללמוד מאה פעמים, ווי דערמאנט פריער בארוכה,

און דער מאה פעמים ואחת פארלאנגט דעם שינוי הטבע והרגילות שלו, וואס דערפאר ווערט ער דוקא דעמולט אנגערופן עובד אלקים,

האט זיך דאך גערעדט פריער, אז אויך צווישן איין מאל מיטן צווייטן דארף דאך עפעס צוקומען, ווארום דאס רעדט זיך דאך (כאמור) ניט נאר אין ענין הזכרון, נאר אויך אין הבנה והשגה,

ווי מ'זעט דאך דאס אויך בפשטות, אז בשעת מ'לערנט תורה כדבעי איז מיט יעדער לערנען נאכאמאל קומט אים עפעס צו לאפשא לה אין דער הלכה אין דעם ענין וסוגיא גופא וואס ער לערנט,

און אין דערויף קען זיין אויף צוויי אופנים: אדער א הוספה שבערך, נאר וואס דען אעפ"כ א הוספה; ניט נאר ער חזר'ט איבער, נאר ער איז מוסיף בהבנה והשגה שלו,

אדער א הוספה שלא בערך - ער איז מחדש א נייעם צוגאנג, א נייע סברא, א נייעם הסבר, וואס דאס גיט אים אן אנדער סארט הבנה והסברה אין דעם גאנצן ענין וואס ער חזר'ט אים צום דריטן מאל, אדער צום פערטן מאל, אדער צום 99'טן מאל.

וואס עד"ז איז אויך אין עבודת ה' דארף דאך אויך צוקומען, עס דארף דאך זיין ילכו מחיל אל חיל, אויך אין עבודת ה', אין עבודת התפלה, פונקט ווי אין לימוד התורה,

איז אויך שייך אין די ביידע אופנים, אדער אז דאס איז מערניט ווי א הוספה וואס זי איז בערך פון זיין מעמד ומצב שלפנ"ז, אדער אין אן אופן פון חידוש,

וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק סימן י"ד בנוגע צו ר"ה, אז בכל שנה ושנה בראש השנה, איז ניט נאר עס קומט צו לפי ערך פון די פריערדיקע, נאר עס קומט צו אן אור חדש, א חידוש דבר, וויבאלד אז ס'איז א ראש השנה פון א נייעם יאר.

און געדעדט פריער בארוכה, אז דאס איז אויך דער חילוק, ווען עס קען זיין די ביידע אופני עבודה ולימוד, כל זמן מ'האלט נאך אין די מאה פעמים, וואס דאס איז אלץ א לימוד ע"י הרגילות, וואס הרגל נעשה טבע שלו.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

בשעת אבער עס קומט צו מאה ואחת, וואס דאס איז היפך הרגילות, און ער איז משנה, במילא דארף ער דאך משנה טבעו זיין, ביז וואנעט אז די גמרא טייטשט דארטן אפ אז עס ווערט אנגערופן זיין לימוד ועבודה לפני"ז לא עבדו, און ערשט דערנאך ווערט ער עבדו -

איז דאך פארשטאנדיק, אז דאס איז א הוספה מיט א שינוי אין אן אופן פון חידוש,

וואס עפ"ז ווערט דאך אויך די זעלבע אופנים בשעת ס'איז דא אפילו אן ענין וואס איז פארבונדן מיט ובחרת בחיים, וואס דאס איז דאך בכל לימוד התורה וקיום מצוותי', איז בא יעדער מאל ער זעצט זיך לערנען, אדער מקיים זיין א מצוה, דארף ער דאך דאס טאן דערפאר אשר קדשנו במצוותיו וצונו.

איז ער מקיים דעם ציווי פון ובחרת בחיים, אם בחוקותי תלכו, ווי די גמרא זאגט אין אם אלא לשון תחנונים, דער אויבערשטער בעט זיך אז בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם.

וואס בשעת ער האט די בחירה מחדש, איז אט דא איז דאך אויך דא א מקום אויף דיביידע הסברות, אז בשעת ער איז בוחר בחיים, וואס איז דא געטראפן - צי דאס איז א המשך פון דער פריערדיקע, אדער דאס איז א דבר חדש, במילא פארלאנגט דאס אויך כחות מחודשים, און פעולות מחודשות, אין אן אופן פון היפך הטבע והרגילות,

וואס עפ"ז קומט אויך ארויס שנשתלשלו מהן אין אלע ענינים פון וועלט וואס זיי זיינען פארבונדן מיט בחירה, און מיט בחירות,

וואס יעדער זאך וואס איז דא אין וועלט, איז דאך לפני"ז דארף דאס זיין אין תורה, און עניני תורה, אין דער וועלט פון תורה,

ובלשון הידוע אסתכל באורייתא וברא עלמא, אין דער התחלה פון מדרש רבה - ווי אזוי איז דא א זאך באשאפן געווארן אין וועלט - איז דאס דערפאר וואס דער אויבערשטער האט פריער א קוק געטאן באורייתא, און האט געזען אז דארטן שטייט יהי אור, איז דערנאך האט דער אויבערשטער געזאגט יהי אור, ויהי אור,

וכמבואר אויך דער דיוק הלשונות בזה פון דעם מגיד אין אור התורה וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

איז דערפון קומט ארויס דער ענין פון בחירות בעולם.

וואס אט דא איז אויך, בשעת מ'קלייבט אויס אן אנדערן איז אט דעמולט איז דאך ניטא אין דערויף קיין מקום לשתי הסברות - דאס איז אן אנדערער וואס מ'קלייבט אים אויס בפעם הראשונה.

בשעת מ'איז ממשיך און מ'קלייבט אויס אט דעם וואס איז געווען פון פריער, איז אט דא איז דא די צוויי אופנים: אדער אז דאס הייסט אז די בחירה האט מערניט ווי מאשר געווען אז מ'זאל ממשיך זיין אט דאס וואס ס'איז געווען פריער, נאר וואס דען וויבאלד אז ס'איז דא א ציווי בכל דבר של טוב וקדושה מעלין בקודש, ופשיטא אז אין מורידין - במילא איז דא א הוספה, אבער א הוספה לפי ערך,

דערנאך איז דא אויך די צווייטע הסברה, אז וויבאלד אז ס'איז דאך דא ענין הבחירות, והראי' אז ס'קען דאך זיין א מציאות אז מ'זאל אויסקלייבן אן אנדערן בפעם הראשונה,

איז דעמולט איז בלשון חז"ל וכי בשביל שאני זכר הפסדתי - צי דערפאר וואס



הנחה פרטית בלתי מוגה

מ'האט אויסגעקליבן דעם וואס איז געווען פריער, איז דערפאר זאל ער מפסיד זיין אט דעם עילוי וואס ס'איז דא, אז ער הויבט אן א תקופה חדשה מיט פעולות חדשות, אין אן אופן ניט נאר א הוספה, נאר אויך א חידוש דבר, ביז אז דער גאנצער ענין ווערט א דבר חדש,

כמדובר לעיל אז עס קען צוקומען א חידוש אין לימוד הסוגיא אין אזא אופן, אז ער לערנט דערנאך די גאנצע סוגיא אין אן אנדער סארט באלייכטונג מיט אן אנדער סארט עומק ורוחב, מיט כל הפרטים וואס ס'איז דא בלימוד התורה.

וואס עד"ז און דאס איז וואס מ'קען דאס אויך מקשר זיין מיט אט דעם וואס מ'איז מחלק (דער ראגאטשאווער בפרט) צווישן א כה"ג שנתמנה בנו ממלא מקומו תחתיו, אדער בנוגע צו מלך בן מלך,

וואס אט דא איז ער אויך מחלק צי דאס איז א פעולה נמשכת פון דער פריערדיקער משיחה, אדער דאס איז א משיחה חדשה וכו', אפילו וואס מלך בן מלך דארף דאך ניט האבן קיין משיחה.

משא"כ אויב מ'וואלט געדארפט האבן משיחה ווי מ'דארף האבן משיחה בנוגע צו א כהן - איז אט דעמולט באווייזט דאס גופא אז דאס איז א חידוש דבר, והראי' אז מ'דארף האבן א משיחה חדשה,

ביי א מלך בן מלך זאגט מען אבער א כלל, אז במ"א אז מ'דארף ניט האבן קיין משיחה - אויב ס'איז ניטא קיין מחלוקת, קיין ערעור בדבר; בשעת ס'איז א מלך בן מלך, און ראוי לאותו דבר (ווארום אז ניט וואלט מען דאך אים ניט געמאכט דערנאך קיין מלך), ס'איז אבער דא אויך עוררין און מחלוקת וכו' - איז אט דעמולט איז דער דין ווי די גמרא זאגט אין הוריות, אז מלך בן מלך, אויב ס'איז דא אן עורר, אן ענין של מחלוקת - אט דעמולט דארף ער האבן משיחה.

וואס משיחה פארבינדט אים מיט שמן המשחה, ובפרט נאך אין מלכות בית דוד, וואס נמשח בקרן, וואס קרן באווייזט דאך (ווי דער רשב"א איז מפרש) אז דאס איז פון לשון עצם, פון עצמיות ופנימיות ועיקר הדבר,

וואס דעמולט נעמט מען אויך, וויבאלד אז מ'נעמט פון שרש ועיקר הדבר, איז דאך פארשטאנדיק אז עס קומט ארויס א דבר חדש מעיקרו,

עאכו"כ אז דאס איז פארבונדן מיט א מלך בן מלך ווי דאס איז בנוגע פון מאן מלכי רבנן, אז בשעת ס'איז פארבונדן מיט אן ענין פון מאן מלכי רבנן, וואס בכלל איז דאך יעדער איד א רב ...

ווי מ'זעט דאס בפשטות אין דרא דעקבתא דמשיחא, אז יעדערער נעמט זיך דעם רשות, און דעם כח ויכולת מיט די גאנצע תקיפות אויף זאגן דעות אין ענינים של הלכה למעשה, און זאגן דאס מיט א פשטות,

און בשעת מ'פרעגט אים היתכן - ברענגט ער א ראי': והראי' - אז מ'האט אים אויסגעקליבן פאר א פרעזידענט אין ארגון פלוני, און וויבאלד אז מ'האט אים אויסגעקליבן פאר א פרעזידענט, און ער ווערט אנגערופן בשם "ראביי",

און מיטאמאל האט ער זיך אויפגעכאפט און ביי אים קומט אויס אז מ'דארף פארשרייבן פאר א אידן (און האלטן פאר א אידן) - אע"פ וואס די מוטער זיינע איז א גוי' לכל הדעות, וואס לית מאן דפליג,

וויבאלד אז ער איז אבער א זריז מישראל, איז ביי אים איינגעפאלן אז ער אלס ראביי, ובפרט נאך אז רוח הבריות נוחה הימנו, והראי' אז מ'האט אים אויסגעקליבן



הנחה פרטית בלתי מוגה

אלס פרעזידענט - במילא איז דאך א דבר ברור ופשוט אז ער ווערט א פוסק, און א רב, און א מורה דרך פאר כלל ישראל כולו,

און דאס ווערט גלייך פאנאנדערגעפויקט אין אלע צייטונגען, און עד כדי כך - אז מ'דארף פירן א מלחמה, אויף צו באווייזן אז פב"פ קען ניט פסק'ענען אזא דין, וואס דאס באווייזט אז אדער ער איז דער גרעסטער עם הארץ וואס איז דא, ווייס ניט פון א דבר הכי פשוט, וואס א בר בי רב דחד יומא ווייס,

אדער ער איז יודע את ריבונו ומכוון למרוד בו - איז דא א זיכערע זאך אז ער קען ניט זיין קיין פוסק בישראל,

געפינט מען זיך אבער אין אזא חושך כפול ומכופל, אז דאס איז אן ענין וואס מ'וויל איינרעדן אז דאס איז א דבר השנוי במחלוקת, און בשעת מ'לעבט אין א דעמאקראטיע דארף מען הערן אלע דעות, און מ'דארף אויך הערן אומנארמאלע דעות, ווארום ס'איז דא דער חופש הדיבור, יעדערער האט רשות צו רעדן ככל העולה על רוחו ועל לבו,

ובפרט נאך אז ער האט דערנאך אז מ'דרוקט דאס אין צייטונגען וכו' וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וואס דאס רופט אויך ארויס, אז אע"פ וואס ע"פ האמור לעיל איז דאך דא א מקום לומר אז מ'קען גיין, טאקע מחיל אל חיל ומעלין בקודש, ס'איז אבער ניט קיין הכרח אז מ'זאל גיין אדלג שור, ניט ביסלעכווייז, צעד אחר צעד, און דברי חכמים בנחת נשמעים, און א ת"ח גייט עקב בצד אגודל, עאכו"כ אז ער שפרינגט ניט אריבער קיין תהום, אן ענין שלא בערך,

במה דברים אמורים, בשנים כתיקונם.

אז מ'לעבט אין א צייט וואס אין לעו"ז טוט מען ענינים וואס זיי זיינען היפך פון שכל הפשוט, און ניט נאר היפך פון שכל הפשוט פון א אידן - היפך השכל הפשוט אפילו פון א בן נח, און אעפ"כ איז ער חכם יתקרי, וראביי יתקרי,

און דאס ווערט דערפון א גאנצער טומל, און א בלבול המוחות, און מ'דארף זיך דינגען און באווייזן אז א דבר הפשוט איז א דבר הפשוט, און בשעת מ'זאגט היפך דבר הפשוט איז דאס א זאך וואס איז ניט שייך צו יישוב בני אדם, אפילו ניט צו יישוב פון בעלי חיים.

און וויבאלד אז זה לעומת זה עשה אלקים, איז אילו זכינו וואלט מען ניט געדארפטווארטן ביז וואנעט אין דעם לעו"ז וועט מען טאן קאפויר'ע זאכן, כדי אליין זאל מען גיין מחיל אל חיל אין אן אופן למעלה ממדוה"ג,

עכ"פ אז לא זכינו, און זיי באווייזן דעם וועג וואס זיי טוען, אז מען רעכנט זיך ניט מיט קיין ענין שבשכל, און מיט קיין ענין שבמדה והגבלה, אבי מ'זאל ארויסקריגן דוקא דער קופץ בראש, מיט אלע ביאורים פון וואנעט דאס נעמט זיך וכו' -

איז דאך עאכו"כ אז דאס פארלאנגט אז ווי עס זאל נאר זיין די הסברה אין שנים כתיקונם, אז עס קומט צו א שנה חדשה איז געוניג אז ער וועט מעלה זיין בקודש, און ער וועט מוסיף זיין בערך פון די ענינים ופעולות ווי עס איז געווען פריער -

זאלן וויסן זיין, אז דאס איז אן ענין וואס איז געווען א מחלוקת, און ס'איז דא א מחלוקת, אן ענין וואס ס'איז אפילו בן מלך דארף אויך האבן א משיחה, וואס דאס פארבינדט אים מיט דער ערשטער משיחה בקרן של דוד מלך ישראל חי וקיים.

וואס דאס לייגט ארויס דעם חובה, צוזאמען מיטן זכות, צוזאמען מיט די בתיבנת כח, אז מ'זאל טאן מכאן ולהבא אין אן אופן וואס דאס איז חדש לגמרי לגבי אופן הפעולות ווי ס'איז געווען ביז איצטער,

וואס אע"פ וואס אויך די פעולות ביז איצטער, איז כמדובר אין דעם משל וואס די גמרא ברענגט איז דאס געווען מאה פעמים, וואס מאה באווייזט דאך אויף תכלית השלימות, ווי דאס איז אין עוה"ז ווי ער שטייט במדוה"ג.

ביז וואנעט אויך ווי דערמאנט פריער וואס דער אלטער רבי און צ"צ ברענגען אראפ אז ס'איז דא דער ענין המאה אין לימוד התורה ניט נאר אין לימוד התורה פון תושבע"פ אדער תושב"כ - נאר אויך ביז ווי תורה שטייט אין די לוחות,

וואס הלוחות איז דאך מעשה אלקים המה והמכתב מכתב אלקים הוא - זאגט מען אז דארט איז געווען מאה, וואס איז געווען דער נס אין די לוחות עצמם, וואס זיי זיינען מכתב אלקים און מעשה אלקים וכו' - איז געווען דער ענין פון מ"ם סמ"ך שבלוחות,

טייטשט דאך אפ דער אלטער רבי (כמדובר לעיל) אז דאס איז דער ענין פון שלימות אין לוחות, דער נס שבלוחות, וואס דאס איז בגימטריא מאה,

און דערנאך איז דא דער נותן הלוחות, בדוגמא ווי אין תורה בכלל איז דא דער נותן התורה, וואס אין אים איז ניט שייך פאנאנדערטיילן, ווערט ער אנגערופן בשם אחד, מאה פעמים ואחת (אדער ווי די צווייטע גירסא - מאה פעמים ואחד),

און בשעת מ'לערנט תורה, איזה ענין שבתורה עס זאל נאר זיין, דארף זיין די הקדמה פון ברכו בתורה תחלה, נותן התורה,

און ווי די גמרא איז דאס מסביר אז עס דארף זיין באימה וביראה וברתת ובזיע, דערפאר וואס מה להלן אף כאן, פונקט אזוי ווי ס'איז געווען בשעת מ"ת,

און דאס גיט כח, צוזאמען מיט דעם ציווי צוזאמען מיט דעם חיוב וזכות, אויף מאן מלכי רבנן, אז בכל לימוד התורה שלהם זאל דאס זיין כנתינתה מתחלתה, וואס דעמולט איז דאך דאס געגעבן געווארן מפי הגבורה.

עאכו"כ אז עס קומט אין מיטן אריין אן ענין של חידוש, בדוגמא פון דעם חידוש פון מאה פעמים, ביז מאה פעמים ואחת, היפך הטבע והרגילות.

עאכו"כ ווי די גמרא זאגט ביי א מלך בן מלך אז [אויב] ס'איז הי' (אז ס'איז געווען דער ענין פון ניט קיין גלאטקייט, נאר דער ענין פון) עוררין, איז א דבר פשוט אז מ'גיט ביי אזוינע בחירות איז דאס ניט נאר א המשך למה שהי' לפני זה, וכחילוקים ווי געזאגט פריער (ובארוכה באם ראגאטשאווער) א חילוק פון א כה"ג שבנו נתמנה במקומו, אדער א מלך בן מלך -

איז דאך ניט שייך די ספיקות בזה בכגון זה אז יצאו עליו עוררין, ובכגון זה אז די עוררין איז דא נאר בעיקר אין דעם מעמד ומצב בעולם, אז דער חושך איז געווארן א כפול ומכופל,

עד כדי כך דעם חידוש ווי איז ערשט אלט אפאר וואכן, (אפאר חדשלם), אז אין מהו יהודי איז צוגעקומען א חידוש, ובשם ראביי ובשם א פרעזידענט, און וואקסט נאך פון א פאטער א שומר תורה ומצוה - היפך התורה און היפך שכל הישר וכו',

וואס דאס איז אויך, מ'דארף דאך יעדער ענין צופירן צו המעשה הוא העיקר, בנוגע לכל אחד מישראל, אפילו א פשוט שבפשוטים, וואס אויך ער זאגט דאך ותן חלקנו



הנחה פרטית בלתי מוגה

בתורתך, ער האט דאך אויך א חלק אין תורה, און אויך אויף אים איז דאך דא דער פס"ד ברור אין הל' ת"ת להרמב"ם (און אראפגעבראכט אויך אין שו"ע פון ב"י, און אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן) אז יעדער איד איז מחוייב בלימוד התורה אפילו א זקן, מיט די אלע פרטים ווי ער רעכנט דערנאך אויס,

און נאך מערער - עס דארף זיין פעמיים בכל יום, ביום ובלילה,

דארף דאס זיין אין אן אופן אז זה לעומת זה, ואדרבה, אין צד הקדושה כמ"פ ככה, אין אן אופן פון חידוש לגמרי,

און וויבאלד אז תורה מאנט דאס איז א זיכערע זאך, לויט דעם יסוד איני מבקש אלא לפי כחן, אז לפנ"ז גיט מען די כחות אז מ'זאל דאס קענען דורכפירן, ובפרט א זאך וואס איז נוגע לרבים,

- און דאס איז אויך מוסיף, אז ניט קוקנדיק אויף דעם חושך יכסה ארץ, וערפל לאומים, איז לכל בני ישראל הי' אור במושבותם, נאך זייענדיק אין גלות האבן זיי, דורך דעם נר מצוה ותורה אור ווערט בא זיי אור במושבותם, בפשטות, אויך אין זייערע ענינים הגשמיים וכל הצרכים שלהם,

און גלייך נאך דערויף, פונקט ווי ס'איז געווען כימי צאתך מארמ"צ, אז נאך די עטלעכע טעג פון הי' אור במושבותם, איז גלייך געווען ובני ישראל יוצאים ביד רמה, בקומה זקופה, ולא עכבם הקב"ה אפילו רגע אחד, נאר בעצם היום הזה יצאו צבאות הוי' (און יצאו ישראל) מארץ מצרים על צבאותם,

וועט זיין אזוי דער הראנו נפלאות בביאת משיח צדקנו, וואס יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובעגלא דידן.

* * *

בנוגע צו דעם מאסר והגאולה, איז דאך ידוע די שאלה המפורסמת: למה עשה הוי' ככה, אז עס האט געדארפט זיין דער ענין פון דעם מאסר, און דוקא נאך דערויף דער ענין הגאולה,

לכאורה האט דאך געקענט זיין דער גאנצער עילוי מיט די מעלות מיט די ענינים וואס זיינען צוגעקומען ע"י הגאולה, כולל אויך די פעולות האמורות, אז זרעו בחיים, אז ס'איז שוין דורכגעגאנגען צענדליקער יארן מערער ווי א יובל שנים,

וואס א יובל ווערט דאך אנגערופן ועבדו לעולם, אז דאס איז אן ענין פון אן עולם, אן ענין פון נצחיות, און דאס איז שוין דריי יאר נוסף על זה -

איז אויך זרעו בחיים, אז מ'איז זיך עוסק אין הפצת התורה והיהדות, מיט דעם חיים און די פעולה נמשכת וואס איז ארייגעגעבן געווארן דורך דעם בעל הגאולה ע"י דיבוריו ומעשיו וכתביו און תלמידיו און תלמידי תלמידיו עד ימינו אלו,

וואס איז דא דער הכרח אז עס זאל זיין פארבונדן מיט דעם ענין אז פאר דערויף איז געווען א מאסר?!

די קשיא ווערט נאך גרעסער: אין די ימי המאסר איז געווען א שלילה און א בלתי אפשריות צו טאן אין די ענינים וואס ער האט געקענט טאן אפילו אין דעם מעמד ומצב לפני המאסר והגאולה,

וואס דעמולט האט ער דאך געטאן לפי המצב דעמולט, לפי האפשריות, אויסגענוצט דאס בשלימותם, און נאכמערער - מערער ווי כפי האפשריות, דורך מסירת נפש אין הפצת התורה והיהדות, נוסף אויף דעם לימוד לעצמו וקיום המצוות בהידור לעצמו;

אין די ימי המאסר, ווי מ'האט געזען בפועל, איז דאך ניט געווען אט די אפשריות ווי זיי זיינען געווען לפני המאסר.

ביז אפילו לימוד התורה לעצמו, איז דעמולט טאקע אויך דארטן האט ער ממשיך געווען בלימוד התורה; דאס קומט דאך אבער ניט, וויבאלד אז עס האט געפעלט אין מנוחת הנפש, צוזאמען מיט מנוחת הגוף, צוזאמען וואס ס'איז ניט געווען דער ענין פון תלמידים, וואס "מתלמידי יותר מכולם", אפילו ניט דער ענין פון "חבריו" ו"דיבוק הבריס", און די ספרים וואס זיינען דאך געווען בחדרו ווען ער איז געווען בביתו, משא"כ ווען ער האט זיך געפונען בבית האסורים, וואס דאס איז דאך געווען "אסורים" ניט נאר בגשמיות, נאר אויך, כמדובר, "אסורים" אין ענינים רוחניים.

עאכו"כ בנוגע צו קיום המצוות, וואס ס'איז דאך געווען כמה מצוות וואס ער האט זיי ניט געקענט מקיים זיין בעת ישיבתו בבית האסורים, כמובן ופשוט.

וואס דאס האט אויך א קשר מיט דער פרשת שבוע זו, וואס דארט איז דאך אויך דער פסוק "כרע שכב כארי וכלביא מי יקימנו".

וואס ער זאגט דאך אויף דערויף אויך "כארי וכלביא", אז "עומדין" און זיי זיינען "חוטפין קריאת שמע וכו'",

דערנאך איז דא אויך דערויף א הורה הבעש"ט, וואס ער טייטשט דאס אפ אויף "כרע שכב כארי וכלביא", אז איהא "אין הארי שוכב אלא בשביל לטרוף טרף", אז מ'זעט בטבע בפשטות, ביי אן ארי גשמי, אז איידער ער גיט א שפרונג אויף לטרוף טרף - איז אט דעמולט איז ער שוכב,

וואס דער ענין השכיבה, ער לאזט זיך אראפ, לייגט זיך אוועק, מוריד ראשו וכל גופו למטה, און דורך דערויף - גיט דאס אים די מעגלעכקייט עס זאל זיין "לטרוף טרף".

און דערפאר, איז מסביר דער בעש"ט, אז דאס איז דער ענין פון "שבע יפול צדיק וקם", אז דאס וואס מ'זעט אמאל א נפילה ביי א צדיק - איז דאס צוליב עס זאל זיין דעדנאך "וקם", וואס עס קען ניט זיין אזא "וקם" - זיינען עס זאל זיין פריער דער "יפול", בדוגמא ווי ביי אן ארי וואס כדי עס זאל זיין דער "לטרוף טרף" - דארף פריער זיין "שכב": ער לאזט פאלן די קאפ מיטן גאנצן גוף למטה, און דאס גיט אים די מעגלעכקייט לטרוף טרף.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם מאמר הידוע אין ספרי מוסר, און נאכמער בארוכה אין ספרי הסידות, אז כדי צו מברר זיין דארף מען זיך מתלבש זיין אין לבושי המתברר,

בפשטות איז דאס: בשעת מ'גייט-צו צו א אידן און מ'וויל אויף אים פועל זיין ער זאל מוסיף'זיין אין ענינים פון אידישקייט און תורה ומצוותי' - איז ע"פ הורה דארף מען דאך וועלן, וויל מען דאך, אז מ'זאל מצליח זיין אין דעם -

דארף מען פריער אפטאצן כהוה נפשו ומעמדו ומצבו, און דוקא ווען ער לייגט זיך אין דערויף אריין, און פארטטייט דעם מהלך הנפש פון דעם

אידן, עד כמה שבידו - איז אט דעמולט געפינט ער די פאסיקע ווערטער און דעם פאסיקן צוגאנג און די פאסיקע פעולות - ווי אזוי ער זאל אויף אים קענען פועל זיין ארויסנעמען אים פון דעם הויך אין וועלכן ער געפינט זיך.

וואס אט דאס גופא, אז מ'דארף זיך אפגעבן די צייט אויף אפשאצן די מדות בלהי-רצויות אדער די הנהגות בלהי-רצויות פון א צווייטן אידן - איז אט דאס גופא, בשעת מעשה קען ער דאך ניט ליגן אין "עולם" נעלה יותר; קען ניט ליגן אין אן ענין פון עיון אין לימוד התורה, ער קען ניט ליגן אפילו אין אן ענין פון "ואהבה לרעך" ווי דער אפטייטש "רעך" - "בתורה ומצוות",

ווארום בשעת ער וועט צוגיין מיט די אוהיות און מיט דעם צוגאנג, צו אזא וואס געפינט זיך ב"בירא עמיקתא" - וועט יענער ניט פארשטיין וואס ער רעדט מיט אים, אדער דאס וועט אים ניט נאר ניט העלפן ארויס-נעמען פון דעם "בור" - דאס וועט אים נאך מער פארשטארקן זיין עקשנות ער זאל דארטן בלייבן.

און כדי צו פארשטיין מהלך הנפש פון דעם וואס געפינט זיך ב"בירא עמיקתא" - דארף ער זיך אריינטראכטן אין דעם טבע פון "נחשים ועקרבים" וואס געפינען זיך אין דעם "בור ריק - אין בו מים, אבל נחשים ועקרבים יש בו".

און אעפ"כ זאגט תורה, אז וויבאלד אז דאס איז אן ענין פון פקוח נפש - דארף ער אפלאזן אלע זיינע מעלות און דרגות און עילויים ועניניו ווארום עס רעדט זיך וועגן פקוח נפש פון א אידן, וואס דאס איז דוחה כל התורה כולה, און דוקא דורך דערויף גיט זיך אים איין אז ער טוט דאס ווי הורה פארלאנגט פון אים - מיט א מסירת-נפש כדרוש ע"פ התורה,

וואס מסירת-נפש איז דאך אויך "ואהבת לרעך כמוך" איז פארבונדן מיט "ואהבת את ה' אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך - בכל מדה ומדה שהוא מודד לך" איז דא דער ענין פון "ואהבת", וואס דאס איז דאך פאר-בונדן מיטן ענין פון מסירת-נפש, כמבואר אין מפרשי התורה,

איז דאס פארבינדט דאס אים דעמולט מיט דעם אידן וואס געפינט זיך ב"בירא עמיקתא"; דורך דערויף וואס "שבע יפול צדיק", ער נידערט אראפ פון זיין מדריגה, וואס ענינו איז דאך לכאורה לימוד התורה וקיום המצוות בהידור, נידערט ער אראפ און איז זיך מתבונן אין לבושי המהברר, און דורך דערויף איז ער אים מעלה; "מוריד שאול - ויעל", איז ער אים מעלה, ביז דער עילוי ווערט אין אזא אופן אז בא דעם מברר קומט אויך צו כמה פעמים ככה לגבי מעלתו ומדריגתו הקודמת.

נאר וואס דען, ניט ער טוט דאס כדי אים זאל צוקומען - איז דאס ניט קיין ענין פון מסירת-נפש; אדרבא - דאס באווייזט אז ער איז א בעל-שכל און ער לייגט אריין אן ענין קטן כדי צו פארדינען כמ"פ ככה, במילא איז אט דעמולט איז דאס ע"ד ניט פון עבודת "אחד הי' אברהם", נאר ע"ד פון דער עבודה פון הרג'ען, אז ער האט זיך איינגעקוקט און האט מחליט געווען: ער וועט זען ווי עס טוט זיך אין וועלט - וועט ער דערנאך מהלי מחליט זיין צי עס לוינט שפרינגען אין תנור (אין "כבשן האש") אדער עס לוינט ניט;

טוען טוט ער דאס ווי דער אויבערשטער וויל, דורך דערויף וואס ער איז מקדים "נעשה לנשמע", וואס דאס איז א תנאי און א הקדמה אויף לימוד התורה און פארשטיין תורה,

און ניט נאר בשעת מהז תורה, נאר ווי די גמרא דערציילט בנוגע צו רבא, אז עס דארף זיין "עמא פזיזא", אז בשעת מ'לערנט תורה אין גלות, וואו רבא איז געווען, מיט טויזנטער יארן לאחר מ"ת - האט ער דעמולט זיך אויפגעפירט ווי "עמא פזיזא דקדמיתו פומייכו לאודנייכו",

אט דעמולט ווערט דער ענין פון "כרע שכב", אבער דאס איז ניט "כרע שכב" סתם, ח"ו; דאס איז "כרע שכב כארי וכלביא" - ער דארף "טורף זיין" דעם "טרף" פון ניצוצי קדושה פון א אידן וואס געפינט זיך אין א "בירא עמיקתא".

וואס אט דאס איז אויך איינער פון די הסברים וואס מ'זאגט אויף כללות ענין הגלות, אז וויבאלד אז דער אויבערשטער וויל דעם ענין הגלות כדי אידן זאלן צוקומען צו אן עילוי אין עבודת ה' בכלל, אין לימוד התורה וקיום מצוותי' "כמצות רצוניך" דוקא, ווי עס וועט זיין לעתיד-לבוא, בביאת המשיח - איז פארוואס דארף מען דאס פארבינדן דוקא מיט דעם ענין הגלות?!

וואס אין דעם ענין הגלות, לכל לראש - איז ניטא קיין מציאות אויף מקיים זיין כו"כ מצוות, ביז ס'איז ניטא קיין מציאות אויף מקיים זיין רוב המצוות!

ווי עס ווערט געבראכט אין ספרים, אז משחרב בית המקדש, אז פון אלע רמ"ח מצוות-עשה קען מען מקיים זיין מערניט ווי "ראשו כתם פז" - מערניט ווי פ"ז מצוות,

[איך האב ניט געפונען דערווייליע אימעצן וואס זאל אויסרעכענען וועלכע זיינען דאס די פ"ז מצוות - דאס ווערט אבער געבראכט דער כאמר מיטן חשבון בכו"כ מקומות].

וואס פ"ז (87) לגבי רמ"ח - איז דאך דאס א סאך ווייניקער ווי סתם א מיעוט.

איז דער ביאור בזה, אז דער אויבערשטער ווייס, אז ווי אזוי קען זיין דער "לטרוף טרף" - דוקא דורך "פזרן הקב"ה לבין אומות העולם", אין אן אופן פון פיזור; "ישנו עם אחד" - אבער "מפוזר ומפורד בין העמים", און דוקא אין אזא אופן וועט מען קענען מברר זיין "ואתם הלוקטו לאחד אחד", און קומען צו דער צייט אז עס וועט זיין דער בנין בית המקדש,

וואס דעמולט וועט מען מקיים זיין די אלע מצוות, ואדרבא - אין אן אופן השלימות, "כמצות רצוניך", בתכלית השלימות, כמבואר בארוכה אין הורה חיים אין פרשת "ויחי יעקב בארץ מצרים" דוקא. וכידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן בזה.

וואס דאס [illegible] איז אויך די הסבדה, בדרך אפשר, ובפרט נאך ווי דערמאנט אין דער פריערד קער ההוועדות, אז פונקט אזוי ווי ביי מתן

[באן הפסיק כ"ק אדמו"ר שליט"א ואמר: בשעה מ'וויל גענעצן - איז וואס דארף מען [illegible] מאכן "ברוב עם הדרת מלך" - מ'קען דאס מאכן בחשאי. - דאס איז א "כי [illegible]". בנוגע לענינינו: פונקט אזוי ווי ביי מ"ת]

בכלל האט מען גערארפט האבן פריער דעם "וישמע יתרו", אז "מה שמועה שמע ובא" - איז ער מבאר אין זהר, אז עס האט געדארפט זיין דער יהרון האור דוקא "מן החושך", אז עס זאל קומען צוגיין יתרו און ער זאל זאגן "עתה ידעתי כי גדול הוי' מכל האלקים" - אע"פ וואס ער איז געווען

א "כומר" און געדינט און געוואוסט וועגן אלע ע"ז'ס שבעולם, און דוקא אז ס'איז געקומען דער אור מתוך החושך און חכמה מתוך הסכלות - איז דערנאך איז געווען דער מתן תורה בשלימותה, נוסף אויף דעם עניין ווי ס'איז געווען דער לימוד התורה ע"י אברהם אבינו, וואס "קיים כל התורה כולה" און "זקן ויושב בישיבה", ועד"ז יצחק, ועד"ז יעקב, ובכלל - "לא פסקה ישיבה מאבותינו" די גאנצע צייט וואס מ'איז געווען אין גלות מצרים.

וואס דאס איז אויך, כמדובר, דער ביאור בדרך אפשר עכ"פ, אט דאס וואס ס'איז געווען די ימי המאסר, וואס דעמולט איז צוגענומען געווארן די מעגלעכקייט אויף מקיים זיין כמה מצוות אפילו אז מ'וויל זיך מוסר-נפש זיין בזה - איז דארט ניט געווען קיין עני וואס מ'זאל אים קענען געבן צדקה, וכיו"ב כמה ענינים (וואס צדקה איז דאך כולל ושקולה כנגד כל המצוות כולם -

איז דאס געווען, ווי בפרשתנו - דער "כרע שכב כארי וכלביא מי יקימנו" - אז "מה הארי אינו שוכב אלא בשביל לטרוף טרף", וואס דוקא דורך דעם וועג קען דערנאך זיין דער "לטרוף טרף" בעצמו - אין דעם המשך הפעולות שלו נאך זייענדיק אין יענער מדינה, אנהויבנדיק פון י"ב-יג תמוז, און אויך לפנ"ז נאך זייענדיק אין קאסטראמא, שוין לאחרי התחלת הגאולה בג' תמוז,

דערנאך אויך בהמשך הימים וואס ער איז געווען במדינה ההיא, ביז ער איז ארויס מחוץ לגבול המדינה, וואס דעמולט איז געווען די עבודה אין אן אופן פון "ופרצת",

ביז אין אן אופן פון "ופרצת", אז ס'איז געווארן "זרעו בחיים" - אויפגעשטעלט דורות אחרי דורות, סיי במדינה ההיא און סיי בכל הארץ כולה, ביז - מדינה זו אז מ'איז עוסקים בתורה ומצוותי' ביז אין אן אופן פון מסירת-נפש,

וכמדובר, אז מ'זעט דארטן "דור ודור", ג' דורות פון דעמולט אן, וואס זיינען זיך מוסר-נפש אויף לימוד התורה וקיום מצוותי' במדינה ההיא, און אויך "בשאר מדינות המלך", "מלכו של עולם", הקב"ה,

און בשעת "זרעו בחיים" איז דאס די בעסטע הוכחה אז "הוא בחיים", און זיין שיטה און זיינע הוראות און זיינע ציוויים, צוזאמען מיט זיינע ברכות - זיינען אויך "בחיים", ובתוקף און זיי ווערן נתקיים -

מ'דארף נאר מאכן די כלים גדולים ורחבים, און א ריבוי כלים, אויף אויפנעמען די ברכות, וואס די "כלים" זיינען - די פעולות לויט דעם רוח און דעם אנזאג און נתינת כח פון בעל המאסר והגאולה,

און אט דעמולט ווערט, ווי ער זאגט אין דער סדרה, "וישראל עושה חיל" - אז אידן גייען "מחיל אל חיל" בלימוד התורה וקיום מצוותי' נאך אין זמן הגלות,

און גלייך נאך דערויף גייט מען "מחיל אל חיל" לקבל פני משיח צדקנו, וואס ילמד תורה את כל העם כולו; בשעת עס קומט-צו אין תורה - קומט אויך צו אין קיום המצוות, "גדול לימוד שמביא לידי מעשה" - אין הידור בקיום המצוות, עאכו"כ אין מעשה כפשוטה,

ובמהרה בימינו ממש.

* * *

הנחה פרטית בלתי מוגה

ו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה גפן ממצרים תסיע וגו'.

* * *

ז. אויף "דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל", וואס דאס איז דאך אויך פון פרשת שבוע זה, איז דאך כמדובר כמ"פ אז "דרך כוכב" איז דאך דא דיביידע פירושים, און ביידע אין תורה שבע"פ (אין מסכתות פון תושבע"פ),

איין אפטייטש פון "דרך כוכב מיעקב" - אז דאס גייט אויף מלך המשיח, אדער אויף דוד מלך ישראל, ווי דער רמב"ם טייטשט דאס אפ אין הלכות מלכים, און דער צווייטער אפטייטש, אין סוף מסכתא ברכות, אז "דרך כוכב מיעקב", אז ער האט בולט געווען א "כוכב" האט ער אים געזאגט אז ער האט אנגערירט א אידן, ווארום יעדער איד שטייט אויף אים "דרך כוכב מיעקב" אז יעדער איד ווערט אנגערופן "כוכב מיעקב".

און דערנאך איז דא דער המשך "וקם שבט מישראל".

וואס ביידע שטייען דאך אין תורה, תורה מלשון הוראה - איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז אין דערויף איז אויך דא א הוראה לכל אחד ואחד בעבודתו.

וואס דער בעש"ט (און דערנאך אויך דער מגיד עד"ז) טייטשט אפ אויף "דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל", דער שינוי הלשונות בזה,

וואס יעקב באווייזט דאך ביז אויף דרגא הכי נמוכה ביי אידן, און אויף דעדויף זאגט ער אויך דעם עניין פון "כוכב", וואס דאס איז ניט א זאך וואס דאס איז מושל ושולט ווי "שבט"; דאס איז מערניט ווי א זאך וואס דאס איז א דבר נעלה, בדוגמא ווי א כוכב האט אין זיך אויך אן אור - און ס'איז אויך אן עניין וואס "דרך כוכב", וואס דאס איז שייך אפילו אין א דרגא הכי נמוכה ביי א אידן, וואס זי ווערט אנגערופן ניט בשם "ישראל", "שרית עם אלקים ועם אנשים", אדער "ישורון", נאר ס'ווערט אנ-גערופן בשם "יעקב" - די דרגא הכי תחתונה שבישראל.

דערנאך איז דא דער "וקם שבט מישראל", אז דא איז ניט נאר "דרך" נאר אויך "קם", וואס קימה באווייזט דאך אויף אן עניין פון תוקף, און דאס איז אין אן אופן פון א "שבט", וואס "שבט" באווייזט דאך אויף אן עניין פון ממשלה ושליטה, וואס דאס איז פארבונדן מיט "ישראל" - מיט א דרגא נעלית וואס איז דא בא אידן, דערפאר וואס "שרית עם אלקים ואנשים" (וואס דאס איז דער אפטייטש פון "ישראל").

וואס די הוראה בזה פאר יעדערן, איז דאך, פונקט אזוי ווי דער גוף הגשמי איז דאך דא ביי אים דער עקב שבגופו, וואס דאס איז "יעקב" מלשון "אוחז בעקבו", און ס'איז דא אין אים דער ראש שבגופו, וואס דאס איז: "ישראל" איז דאך צוזאמענגעשטעלט אויך (ווי'ס שטייט אין ספרים) פון צוויי ווערטער: "לי ראש",

וואס ס'איז דא ענינים וואס ער דארף טאן מיטן עקב, און ס'איז דא ענינים וואס ער דארף טאן בראשו,

דער חילוק איז - אז דער עקב אליין דארף ניט זאגן קיין דיעות, דערפאר איז ער מערניט ווי אן עקב - אז ער איז ממלא די הוראות וואס ער באקומט פון דעם ראש.

בשעה אבער מ'דארף גיין "לשמור דרך הוי' לעשות צדקה ומשפט" - דארף מען דאך גיין אין דעם "דרך הוי'", איז דאס איז דער "דרך כוכב



הנחה פרטית בלתי מוגה

מיעקב".

דאס איז אבער, א איד דארף דאך זיין "ממלכת כהנים וגוי קדוש"; צום אלעם ערשטן דארף ער אנפירן מיט "עיר קטנה - זה הגוף", איין אן אופן אז ניט דער גוף זאל אנפירן מיט אים, נאר ער זאל זיין דער מושל ושולט אויף דעם גוף - נשמתן עיקר וגופן טפל בלשון התניא.

וואס דערצו דארף זיין - די התחלת העבודה קען ניט זיין גלייך, אז דער גוף פארשטייט שוין די געשמאקקייט פון אידישקייט פון אידישקייט פון תורה ומצוה; די התחלה איז - אז עס דארף זיין איין אן אופן פון "שב "שבט", און איין אן אופן פון "וקם שבט",

וואס דאס נעמט זיך פון ישראל - פון "לי ראש", אז דאס זאל זיך אזוי אויפפירן זיין גאנצע "עיר קטנה - זה הגוף" לויט די הוראות, און וואס מ'דארף האבן אז עס זאל זיין דער "מוח שליט על הלב", עאכו"כ אז דער מוח דארף זיין שליט אויף שאר אברי הגוף, וואס "לבא פליג לכל שייפין", עאכו"כ - אויף דעם עקב, אויף דעם כח העשי', וואס דאס איז דער כח הכי תחתון, וביחד ע"ד איז "המעשה הוא העיקר" - איז דאך דארטן נוגע אז די מעשה זאל מתאים זיין צו דעם עיקר שבכל העיקרים וואס דאס איז דער "עושין נשמתן עיקר".

ע"ד ווי דאס איז דא בא־יעדערן בעבודתו אין "עולם קטן - זה האדם", איין זיין עקב און ראש שלו - עד"ז איז דא בנוגע צו זיינע בני־בית; וואס דארטן דארף ער דאך זיין דער אנפידער פון דער הויז איין אן אופן אז די גאנצע הויז זאל זיך פירן איין אזא אופן,

ביז וואנענט אז אזוי דארף זיין בחלקו שבעולם. וואס דער חלקו שבעולם איז א דוגמא, ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין, "ואת היקום אשר ברגליהם", אז דאס איז "ממונו של אדם שמעמידו על רגליו", בדוגמא וואס דארטן דארף מען האבן דעם עקב ורגל שבאדם, וואס בכללות איז דאס דער חלק הטפל וואס איז דא בחיי האדם - דארף אויך דארטן זיין מצד עצמו,

בדוגמא ווי ער זאגט אין ירושלמי, אז "אחזיקא טיבותא לרישא", אז ווען ער קומט צו "מודים" איז "מנפשי' כרע": ער האט אזוי איינגעוואוינט דעם גוף - אז "מנפשי' כרע", ער דארף גאר ניט האבן קיין שליטה אין דעם "שבט מישראל",

ביז ווי דאס איז אויך ווי די גמרא דערציילט בנוגע צו חמורו של ר' פנחס בן יאיר, אז זי האט ניט געגעסן פון א תבואה שאינה מעושרת, וואס מ'האט ניט מפריש געווען קיין מעשרות.

און ניט דערפאר וואס ר' פנחס בן יאיר האט דאס איר ניט געגעבן, אדער ער האט אויף איר געשריען און האט איר ניט צוגעלאזן - ס'איז מעצמו געווען איינגעשטעלט חלקו בעולם, אז א דבר שאינו מעושר קען דער חמור ניט פארדייען!

וואס דאס קומט דורך דערויף וואס ער איז בטל צום "קם שבט מישראל".

וואס דאס איז אויך די הוראה, אז דורך דערויף וואס דער איד בויט - אויף זיין "עקב" כדבעי, און בויט-אויף זיין "ראש" כדבעי - אט דעמולט ווערט ביי אים דער "דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל",

און בשעת דאס ווערט אויפגעטאן בחייו הפרטיים, דורך דער גאולה פרטית של איש פרטי - דורך דערויף, בדוגמא ווי ער זאגט אין אגרת הקודש - ווערט דאס א הכנה און א כלי צו די גאולה כללית פון כלל ישראל, דורך

דעם משיח, וואס ער איז די נשמה כללית פון כל ישראל, און בא יעדער אידן איז דא דער "ניצוץ" פון "משיח" שבקרבו, כמדובר כמ"פ פון "מאור עינים",

וואס דערפאר איז אויך דער אפטייטש אין ירושלמי אז "דרך כוכב מיעקב" גייט דאס אויף יעדער אידן, מצד דערויף וואס עס איז דא אין אים דער "כוכב", וואס דאס גייט אויף משיח'ן, וואס דאס האט זיך נאך אנגעהויבן אין "משיח ראשון", אין "דוד מלך ישראל חי וקיים", און דערנאך אין "משיח אחרון", ווי דער רמב"ם טיילט דאס פאנאנדער אין הל' מלכים, "וקם שבט מישראל" -

לייגן זיך אלע אידן צוזאמען, און ע"י מעשינו ועבודתינו ברענגט מען אראפ דעם "דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל" כפשוטו,

ביז אין אן אופן פון "והיתה אדום ירשה", "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו",

"וישראל עושה חיל", אז מ'גייט "מחיל אל חיל" אין מעשינו ועבודתינו",

און דאס ברענגט דער "ילכו מחיל אל חיל" בעוה"ב, בקרוב ממש.

*

וואס דא איז אויך דער מקום להזכיר אין "מעשינו ועבודתינו", וואס ס'הויבט זיך אויך אן פון א ממון וואס דאס איז "מעמידו על רגליו",

וואס מ'איז רגיל אויך מאכן א "מגבית" אין ימי גאולה אלו אויף די מוסדות וואס זיי זיינען אנגערופן בשמו של בעל הגאולה,

און ויהי רצון אז מ'זאל געבן אין אן אופן פון "וישראל עושה חיל" - בנדיבות הלב וביד פתוחה ובאופן דמוסיף והולך,

וואס דאס איז דאך אויך ווערט דערנאך נכפל: אז די מושפעים שלו זעען אז ער גיט אזויפיל - זיינען זיי אויך מוסיף בנתינתם הם,

ו"גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה", ובפרט נאך אז "כלו כל הקיצין" און נאך דערויף איז דאך פארשטאנדיק אויך אז דער קירוב הגאולה איז אין אן אופן פון "אחישנה" בתוך "אחישנה",

בעגלא דידן, ובמהרה בימינו ממש.

מסתמא ווערט מען אויך געבן צעטלעך, און די וואס ווילן ווערן אנשרייבן שמו בצירוף שם אמו (צוזאמען מיט די געלט, אדער אין צוויי באזונדערע מעטפות, צוויי באזונדערע ענינים).

ויהי רצון אז עס זאל זיין, דער עיקר - א סאך געלט און א סאך ברכות פון דעם אויבערשטן,

ביז צו דער עיקר הברכות, וואס זי איז כולל כל הברכות כולם - "ונתתי שלום בארץ", אז "שלום כאן" איז "הכל כאן", שלום נאך אין סוף ימי הגלות, אז "ושכבתם ואין מחריד" - וואו א איד געפינט זיך, עאכו"כ אין ארץ הקודש, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה",

און ס'וועט זיין דער "כל יושבי' עלי'", ווארום ס'וועט זיין דער שלימות העם, צוזאמען מיט שלימות הארץ, צוזאמען מיט שלימות התורה,

צוזאמען מיט אט די וואס געפינען זיך לעת עתה מאחורי "מסך הברזל" - איז דאך אבער "אפילו מחיצה של ברזל אינה מפסקת בין ישראל לאביהם שבשמים",

ובפרט נאך אז זיי זיינען "זרעו" פון בעל הגאולה -

אז צוזאמען מיט כל ישראל, ו"הם הכירוהו תחילה", וואס זיי גע-פינען זיך אין א מצור און אין א "מצרים" שאין כמוה, איז "כיתרון האור מתוך החושך וכיתרון החכמה מתוך הסכלות" זאל זיין דער ענין פון ברכת ה' בכלל, נאך זייענדיק דארטן,

און די ברכה העיקרית, אין אן אופן פון "ונתתי שלום", בדרכי נועם ובדרכי שלום,

אז בנעריהם ובזקניהם בבניהם ובבנותיהם, בתוככי כלל ישראל, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו", איז "קהל גדול ישובו הנה", אין ארץ הקודש, במהרה בימינו ממש.

צוה לנגן ניגון "לכתחילה אריבער". ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית - פעם אחת). ניע זשורציצי חלאפצי.

* * *

ח. אזוי ווי מ'זאגט דאך אז "חייב אדם לברך מאה ברכות בכל יום",

וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיט שנת המאה -

איז דאס אויך מעורר און מקשר צו נאך ענינים,

ובפרט לויט דעם ביאור פון דעם רבי'ן מהר"ש, און פון דעם צ"צ לפנ"ז, און מיוסד אויף "להבין ענין הברכות" פון דעם אלטן רבי'ן, אין הורה אור, און דערנאך אויך אין הורת חיים,

וואס דאס איז דאך א חיוב וואס ווערט אויך אראפגעבראכט אלס א פסק-דין ברור אין שו"ע, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז א "שולחן ערוך לפניהם", און יעדערער קען דאס מקיים זיין אן איבעריקע טירחא, ווי מ'זעט דאס אויך בפועל,

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בהנוגע צו ביאור הענינים, אז בשעת א איד טוט א מצוה במעשה בפועל, און דערנאך זאגט ער, אז אע"פ וואס "אני מהפלל לדעת התינוק", ווי דער לשון איז אין שו"ת, דערפאר וואס ער ווייס ניט פון העכער, מ'האט דאס אים ניט געלערנט -

ער ווייס אבער אז ס'איז דא אזא מציאות, ווארום אלע ווייסן אז גופי תורה איז אויך דא "נשמתא דאורייתא",

במילא, ווי דער בעל הגאולה זאגט, אז אט דעמולט איז מען ממשיך אין זיין עשי' די אלע כוונות וואס זיי דארפן זיין אין דער עשי', וויבאלד אז די מניעת הכוונה איז ער "אנוס הוא", וואס מ'האט דאס אים ניט געלערנט, מאיזו סיבה שתהי'.

עד"ז איז אויך פארשטאנדיק, אז דער וואס ווייס מקצת הכוונות, אבער עכ"פ ניט בשלימותם - איז וויבאלד אז ער טוט מה שביכלתו, איז אט דעמולט איז דער אויבערשטער משלים און ממשיך, ביז אין אן אופן פון "לעשרו", די אלע ענינים וואס געהערן צו אט דעם ענין.

וואס דאס איז דאך בכללות ווי ער איז מבאר דארטן, אז ברכה

והמשכה איז ער ממשיך פון שם הוי' אין שם אלקים;

- כדי פון שם הוי' זאל נמשך ווערן אין אלקים, ביז אין אן אופן אז "וידעת כי הוי' הוא האלקים" - דארף נמשך ווערן אין הוי' פון הוי' דלעילא, פון א מקור וואס איז נאך העכער פון שם הוי', וואס אט דעמולט "גיסט זיך אריבער" און עס ווערט אויך נמשך למטה ממנו,

בדוגמא ווי ער זאגט אין תוספתא פון עדיות, אז ס'איז דא די אופנים פון "רב", און דערנאך "רבן" און "גדול מרבן שמו", וואס דאס איז ווען ס'איז דא "תלמידים לתלמידיו", אז זיינע תלמידים ווערן שוין "נרות להאיר" - אז זיי האבן אויפגעשטעלט תלמידים.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, וויבאלד אז "מאה ברכות" איז די כוונה בזה - די תכלית השלימות אין ברכה והמשכה,

און דערנאך דארף מען ערשט האבן דעם "מאה פעמים ואחת" - אז ער זאל נאך שטייון העכער מכל ברכה והמשכה,

וואס אין ברכה גופא איז דאס די ברכת כהנים, וואס זי איז דאך אין אן אופן נעלה לגבי שאר הברכות,

וכל הברכות כולם איז דאך ווערן זיי אז "כל המברך מתברך", בברכתו של הקב"ה, וואס ווי ער זאגט אין מדרש, אז די ברכה "אלף פעמים" דאס איז "שלי", בדוגמא ווי מ'זאגט דא "מאה ברכות", דערנאך איז "הוי' אלקיכם יוסף עליכם" - ברכתו של הקב"ה, וואס "תוספתו מרובה על העיקר",

בדוגמא ווי גערעדט פריער דער "מאה פעמים ואחת", וואס עס הויבט זיך איצטער אן דער סדר העבודה סדר חדש פון שנת המאה ואחת.

וואס דערפאר איז אויך נאך אמאל להוסיף ולעורר, אז עס זאל אויך זיין ביתר שאת וביתר עוז, און נאכמעדער - אין א התחדשות אין עבודה חדשה, אין כללות ענין הפצת התורה ומצוותי',

אנהויבנדיק פון די מבצעים הכלליים, פון מבצע אהבת ישראל, און מבצע חינוך, און מבצע תורה, און מבצע תפילין, און מבצע מזוזה, און מבצע צדקה, און בית מלא ספרים - יסנה וחכמי', און מבצע נרות שבת קדש, און מבצע כשרות האכילה ושתי', און מבצע טהרת המשפחה,

און אויך כולל די "טהרה" פון כלל ישראל - דורך דעם ביטול פון דעם חוק האומלל (וואס ווערט אנגערופן בשם "חוק" בלשון "סגי נהור") פון "מיהו יהודי",

און די אלע ענינים זאלן זיין בקרוב ממש, אין דעם "אחישנה", בעגלא דידן,

דורך דעם אופן חדש אין עבודת כל אחד ואחת בתוככי כלל ישראל אין די אלע ענינים האמורים לעיל.

*

כדי להוסיף ולקשר דאס מיט א דבר וואס איז פארבונדן אויך מיט גשמיות העולם -

איז אט די וואס ווילן מאכן א התוועדות ווען זיי קערן זיך אום לעירם ולמדינהם, און זיי ווילן מיטנעמען אויך פון התוועדות זו - זאלן זיי צוגיין וועט מען געבן יעדערן א בקבוק פון "יין שרף", ווי דאס

הנחה פרטית בלתי מוגה

ווערט אנגערופן בלשון העולם,

אין דאס זאל צוגעבן אין דעם "פארברענ"ן" די "שיריים" פון דער <u>חומת</u> הגלות <u>ועניני</u> הגלות, ותמורת זה זאל זיין דער "אש <u>אוכלה</u> אש" - "ואני אהי' לה חומת אש", דער אויבערשטער אליין, אין אן אופן פון "כפי שאני נכתב כך אני נקרא", בגלוי בעוה"ז הגשמי,

ובקרוב ממש, במהרה בימינו.

*

אזוי ווי איך ווייס ניט ווער עס וויל דאס אויף זיך נעמען די התחייבות וכו' -

- אבער די וואס <u>ווילן</u> דאס - זאלן זיי צוגיין, כאמור - מ'שיקט ניט קיין הזמנות און מ'איז ניט קורא בשם, וכל הספיקי - איז א זיכערע זאך אז אויב דאס איז ביי אים א ספק - וועט ער דאס זיכער מקיים זיין, וויבאלד אז ער איז א משפיע, אדער א מדריך רוחני, אדער א רב אדער א שוחט אדער א מלמד אדער א ראש-ישיבה, בעירו ובמדינתו,

און יהי רצון, אז דער "יינן שרף" זאל פארברענען (כאמור לעיל) דעם "אש <u>זרה</u>", און מ'זאל האבן די "אש <u>קדושה</u>", "אש תמיד תוקד על המזבח לא תכבה", ווי דער אור החיים הקדוש טייטשט דאס אפ און פארבינדט דאס מיט ימי הגלות וגאולה האמיתית והשלימה,

ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א חילק בקבוקי י"ש עבור עריכת התוועדויות.

(לאחר מ"משמר הגבול" אמר: שישמור גם מן המזיקין בעניני יהדות. לכתב "קול ישראל" בארה"ק: תשדר גם את זה).

אח"כ התחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן ניגון הקפות לאביו ר' לוי יצחק ז"ל.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה - וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן "כי בשמחה תצאו ובשלום תובלון וגו'".

*       *       *

א. ס'איז דאך דער טאג נאך י"ב-י"ג תמוז, און בקביעות שנה זו - אויך א יום השבת.

כמדובר כמ"פ, אז פון יעדער ענין בפ"ע דארף מען ארויסנעמען א לימוד אין דער עיקר הכוונה פון בריאת האדם, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני", און אויך ארויסנעמען א לימוד פון צירוף שניהם יחד.

דער טאג וואס קומט נאך א שבת, נאך א יו"ט אדער נאך א יום (ימי) סגולה איז ענינו - אז די החלטות טובות וואס מ'נעמט אן אין די טעג (שבת, יו"ט אדער ימי סגולה) וואס זיינען פארבונדן מיט דעם תוכן פון די טעג - זאלן אראפקומען למעשה בפועל.

וואס אין די ימי סגולה אליין נעמט מען די החלטות טובות וואס צו טאן במעשה בפועל, אבער דער מעשה בפועל איז דעמאלט בעיקר ניטא, ווען קומען ארויס די החלטות טובות אין א מעשה בפועל - איז דאס בעיקר אין דעם טאג לאח"ז.

און דער מעשה בפועל איז דער כוונה און דער עיקר און די שלימות פון די אלע החלטות וואס מ'האט אנגענומען אין די ימי סגולה עצמם - ווארום "המעשה הוא העיקר".

וואס דערפאר איז אע"פ אז "כל ישראל בחזקת כשרות", ובפרט אין ימי סגולה, אז די החלטות טובות וואס מ'האט געמאכט אין די ימי סגולה וועלן אראפקומען לידי מעשה בפועל - קומט עס אבער ניט צו ווען די החלטות טובות קומען אראפ במעשה בפועל ממש אין דעם טאג שלאח"ז.

ב. וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו כללות סדר ההשתלשלות:

אע"פ אז דער כח פון דעם אויבערשטן ווי ער איז למעלה האט א חזקה און וודאות אז ער איז בתכלית השלימות, און ער איז כולל אלץ, כולל אויך דער ענין פון "פועל" -

פונדעסטוועגן האט מען געמאכט א גאנצער דרך וסדר ההשתלשלות וואס אין איר זיינען "כל הדרכים בחזקת סכנה" - ווארום הגם אז דער כח למעלה פעלט ניט דער פועל - איז דאס אבער פארט ניט דער פועל בפועל ממש, וואס דער פועל ממש טוט אויף א שלימות אויך אין דעם כח.

כמבואר אין המשך תרס"ו להתאים די דעות רבות אין דעם טעם און כוונה פון סדר ההשתלשלות.

און וויבאלד אז דאס איז אזוי אין סדר השתלשלות העולמות, אז דער פועל ממש גיט צו א שלימות אין דעם כח, כאטש אז דער כח איז בשלימות מצ"ע, און איז אין זיך כולל דעם פועל - דערפאר איז אזוי אויך אין תורה, ווארום תורה איז די "דיפתראות ופנקסאות", די מפה, מיט וואס דער אויבערשטער האט געמאכט די וועלט.

וואס דער ענין אין תורה זעט מען אין דעם וואס תורה איז "כללות ופרטות נאמרה".

ג. דאס איז אויך איינע פון די ביאורים אין דעם וואס די גמ' (מגילה יג, ב) זאגט בנוגע צו פורים, אז "כיון שנפל פור בחודש אדר שמח (המן) שמחה גדולה, אמר נפל לי פור בירח שמת בו משה", און די גמ' איז מסיים: "ולא הי' יודע שבשבעה

באדר מת ובשבעה באדר נולד", ובמילא איז "כדאי הלידה שתכפר על המיתה" (רש"י ד"ה ובשבעה שם), ביז אז דאס האט גורם געווען אז דער גאנצער חודש זאל זיין "ונהפוך הוא".

וואס לכאו' איז דאס ניט פארשטאנדיק (ווי גערעדט אמאל בזה): אפילו אז דער יום הולדת פון משה רבינו איז געווען בשבעה באדר - איז דאס ניט שולל אז (שפעטער) איז מיתתו געווען דעמאלט?

איז דער ביאור בזה:

בשעת הלידה שטייט בכח כל עבודת האדם וואס ער וועט עובד זיין במשך ימי חייו.

ובכל שנה ושנה אין דעם יום הולדת פון א מענטשן שטייט בהדגשה די מעלה, אבער מיט די הוספה וואס בכל שנה שטייט דער יום הולדת בעילוי יותר ווי אין דער שנה שלפנ"ז, וויבאלד אז ס'איז שוין ארויסגעקומען עבודתו בפועל, און בכל שנה ושנה קומט עס ארויס מערער בפועל, במילא איז בכל שנה ושנה ווערט נתעלה דער טאג בעילוי אחר עילוי.

ביז אז עס קומט דער שנה ווען דער מענטש ווערט נסתלק, וואס דעמאלט קומט ארויס בגלוי "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו", ווארום דעמאלט איז לאחרי זה וואס דער אדם האט עובד געווען עבודתו בפועל במשך כל ימי חייו, ד.ה. דאס וואס איז געשטאנען בכח בשעת לידתו, שטייט דעמאלט בפועל.

דערפאר איז ווען עס קומט זיין יום הולדת נאך דערויף, בהשנה לאחרי מיתתו - איז פארשטאנדיק אז דעמאלט שטייט דער אדם בעילוי גדול ביותר, מערער פאר אלע יום הולדת'ן כל ימי חייו - ווארום אין דעם יום הולדת איז ניט נאר דא ווי עבודתו שטייט בכח - נאר ווי דאס איז לאחרי ווי עבודתו, "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו", איז ארויסגעקומען בפועל.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער יום הולדת פון משה רבינו, אז ווען ס'איז געקומען זיין יום הולדת בימי המן, האט דאס ארויסגעבראכט אן עילוי גדול ביותר אין משה רבינו, ביז אז דאס ברענגט ארויס אז דאס וואס דעמאלט איז אויך געווען מיתת משה, איז ניט קיין ענין לגריעותא, ווי המן האט געמיינט, נאר דאס איז למעליותא, אז דעמאלט ווערט משה נתעלה בעילוי גדול.

ובמילא איז ניט נאר וואס דער יום הולדת פון משה ווישט דעמאלט אפ דער ענין לגריעותא אין מיתת משה, נאר דאס פועל'ט אויך אז עס זאל זיין "ונהפוך הוא".

ד. עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו י"ב-י"ג תמוז און דער טאג שלאח"ז:

אין י"ב-י"ג תמוז האט מען געמאכט החלטות טובות וואס צו טאן אין מעשה בפועל, אין דעם טאג שלאח"ז;

עס דארף דאך אבער זיין "טאפארו דא פלאכא", די החלטות דארפן ארויסקומען אין מעשה בפועל ממש, וואס דאס איז דוקא אין דעם טאג נאך י"ב-י"ג תמוז.

און אע"פ אז אין די החלטות פון י"ב-י"ג תמוז שטייט בכח די גאנצע מעשה בפועל וואס וועט דערנאך אריסקומען אין דעם טאג שלאח"ז - קומט עס אבער ניט צו ווי דער מעשה בפועל שטייט בפועל ממש אין דעם טאג שלאחרי י"ב-י"ג תמוז.

ווארום זיין יום הולדת דעמאלט איז שוין לאח"ז וואס משה האט עובד געווען עבודתו בפועל במשך ימי חייו, און לאח"ז ווי דאס איז שוין נתעלה געווארן מידי שנה בשנה.

און אע"פ אז אין די טעג פון י"ב-י"ג תמוז אליין האט מען ניט נאר אנגענומען אויף זיך החלטות טובות, נאר מ'האט אויך געטאן מעשה בפועל, ווי מ'האט עס געזען במוחש -

דעמאלט איז אבער דער מעשה בפועל געווען אין יום סגולה, איז דאס ניט אזוי פארבונדן מיט "קב שלו" פון דעם אדם העובד, ווארום די מעשה בפועל קומט ארויס אלס א תוצאה פון דעם יום סגולה.

משא"כ אין דעם טאג נאך י"ב-י"ג תמוז איז דער מעשה בפועל פארבונדן מערניט ווי מיט "קב שלו", ווארום דאס קומט מיט זיינע אייגענע כחות.

וואס דאס איז אויך דער ביאור אין המבואר אין המשך תרס"ו שם, דלכאו':

לאחרי כל הביאורים אז ס'איז "שיער עצמו בכח מה שעתיד יהי' בפועל", און נאכמער, אז עס פעלט ניט דער פועל אין דער כח שלמעלה, און נאכמער, אז דער כח למעלה האט אין זיך דער פועל בתכלית השלימות - איז פארוואס דארף מען טאקע האבן א מעשה בפועל - דער כח למעלה איז דאך כולל אין זיך אויך **דער** מעשה בפועל?!

איז דער ביאור בזה:

דוקא דורך דער מעשה בפועל דא למטה, האט ער מעשה בפועל בקב שלו, און דוקא דורך דערויף קומט ער צו דעם "יתרון האור מן החושך ויתרון החכמה מן הסכלות",

במילא ווייסט ער טאקע אז ס'איז דא עשרה קבין, וואס דאס זיינען מערער ווי זיין קב אחת - אבער זיין קב אחת איז קב אחת **שלו**, וואס דאס איז ניטא אין די עשרה קבין.

וואס דאס איז דער ענין פון "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים".

**ה.** דער אויפטו פון דעם טאג נאך י"ב-י"ג תמוז, וואס דעמאלט קומען ארויס די החלטות טובות פון י"ב-י"ג תמוז במעשה בפועל אין קב שלו - איז דער אויפטו פון דעם טאג נאך י"ב-י"ג תמוז בכל שנה ושנה.

ד.ה. אפילו אין א שנה ווען דער טאג נאך י"ב-י"ג תמוז איז אין א יום החול, וואס דעמאלט האט מען צוטאן מיט עובדין דחול, איז אויך דא דער אויפטו, אז עס קומען אראפ במעשה בפועל די החלטות וואס מ'האט אנגענומען בי"ב-י"ג תמוז,

ד.ה. אז אזוי ווי דער בעל המאסר והגאולה האט זיך אוועקגעשטעלט קעגן א מלוכה אדירה, און קעגן אלע דרכי הטבע, אויף צו מפיץ זיין תורה ומצוותי' -

עד"ז יעדער איד בפועל ממש איז ילך לבטח דרכו, אויף דעם "דרך ה' לעשות צדקה ומשפט", און ווערט ניט נתפעל פון קיינע מניעות ועיכובים.

ווארום יעדער איד נעמט דער כח דערצו פון דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, ווי דער בעל המאסר והגאולה שרייבט במכתבו הידוע, אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה" נאר די גאולה איז געווען פאר אלע אידן עד סוף כל הדורות.

וויבאלד אבער אז דער טאג נאך י"ב-י"ג תמוז איז א יום החול, איז די עבודה בפועל פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז ניט בתכלית השלימות.

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער מיטעלער רבי איז מבאר אין שערי תשובה אויפן פסוק "פדה בשלום נפשי מקרב לי גו'", אז דער שלימות פון "פדה בשלום גו'" איז ניט געווען בימי דוד, און אפילו ניט בימי שלמה, כאטש אז "שלם שמו",

און אויך אים שטייט אז "שלום ושלוה יהי' בימיו", נאר דער שלימות פון "פדה בשלום גו'" וועט ערשט זיין ווען "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בעניננו:

בשעת די עבודה וואס איז פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז איז אין א יום החול - איז די עבודה אין אן אופן פון עובדין דחול, וואס מ'דארף פועל'ן אויף מלכת שבא אז זי זאל ברייגנען מס לשלמה, ניט אין אן אופן פון מלחמה, נאר מתוך מנוחה.

משא"כ אבער בשעת דער טאג נאך י"ב-י"ג תמוז איז א יום השבת - איז דעמאלט די עבודה מעין די עבודה פון "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים", וואס דעמאלט איז די עבודה בתכלית השלימות.

**ו.** והביאור בזה:

ביום השבת ווערן אלע עולמות נתעלה, ביז אז דאס איז אויך ניכר אין חיצוניות העולמות, ווי עס שטייט אז "פרש חגיכם קאמר ולא פרש שבתכם", וואס דער עלי' אויך פון חיצוניות העולמות הויבט זיך שוין אן פון ערב שבת אחר חצות, עאכו"כ אז די עלי' איז באופן נעלה בשבת עצמו.

נוסף לזה איז שבת ענינו תענוג, ווי עס שטייט "וקראת לשבת עונג".

וואס "וקראת" באווייזט אז דאס איז ניט קיין תענוג וואס ווערט נמשך מלמטה למעלה, נאר דאס ווערט נמשך מלמעלה, אין אן אופן פון "מיקדשא וקיימא", אז ווען עס קומט דער זמן פון שבת ווערט נמשך בדרך ממילא מלמעלה דער ענין התענוג.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק וואס פאר א דרגא אין תענוג דאס איז, וויבאלד אז דאס איז ניט פארבונדן מיט דער תענוג דלמטה, נאר מיט תענוג דלמעלה, וואס איז א תענוג למעלה ממדוה"ג לגמרי.

און דער תענוג ווערט נמשך אין דעם מענטשן ביום השבת, ובמילא פועל'ט דאס אויפן מענטשן בכל הענינים שלו.

ווי די גמ' דערציילט אז "שמועה טובה תדשן עצם" - דער ענין התענוג פועל'ט אויך אויף אן עצם פון א מענטשן וואס איז שוין נאך דער גיל פון גידול - אז אין דער גשם פון דעם עצם זאל זיין "תדשן", אן ענין פון התרחבות כפשוטו.

און דער תענוג פון שבת איז כולל אין זיך אין אן אופן פון "בכלל מאתיים מנה" דער ענין השמחה, ווי עס שטייט אין מדרש "וביום שמחתכם - אלו השבתות" (ווי גערעדט אמאל), ווארום אין שבת איז "אין עצב בה".

אבער דאס איז ניט שמחה ווי זי שטייט אלס אן ענין בפ"ע - נאר דאס איז שמחה ווי זי ווערט נכלל אין דעם ענין התענוג, וואס דעמאלט איז דאס באופן נעלה יותר ווי סתם דער ענין השמחה.

והביאור בזה:

שמחה איז טאקע פורץ גדר, ד.ה. אז דאס איז למעלה ממדוה"ג, אבער ווי קומט מען צו דעם צו - איז דאס דוקא מלמטלמ"ע - מ'געפינט זיך למטה, און דארטן איז מען פורץ גדר.

משא"כ תענוג איז א המשכה מלמעלמ"ט, "וקראת לשבת עונג", כנ"ל, וואס דעמאלט איז דער למעלה ממדוה"ג באופן נעלה יותר ווי דער למעלה ממדוה"ג מלמטלמ"ע.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און ווי מ'זעט אויך בפשטות:

עס זיינען דא צוויי אופנים ווי מ'קען זיך פירן בהתרחבות: מ'קען אנהויבן מתוך "עוני", מתוך דחקות, און דורך דעם וואס מ'הארעוועט פועל'ט מען אז עס זאל זיין "עושר", התרחבות;

אדער אז מ'שטייט לכתחילה אין התרחבות, (הגם אז דאס איז בחלקו בעולם), וואס דאס איז בדרך ממילא שולל דער ענין פון "עוני".

ז. ועד"ז איז פארשטאנדיק דער חילוק צי דער טאג נאך י"ב-י"ג תמוז איז בימות החול, אדער אז דאס איז ביום השבת, כבקביעות שנה זו:

י"ב-י"ג תמוז אליין גיט ארויס די הוראה אז די עבודה פון א אידן דארף זיין למעלה ממדוה"ג, ע"ד ווי דער בעל המאסר והגאולה האט זיך געפירט.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז די החלטות טובות וואס מ'האט געמאכט בי"ב-י"ג תמוז, זיינען געווען פארבונדן אז מ'זאל זיך פירן אין אופן למעלה ממדוה"ג.

דערנאך אז עס קומט דער טאג שלאח"ז, און די החלטות קומען ארויס אין א מעשה בפועל, איז אויב דאס איז א יום החול, איז פארשטאנדיק אז דעמאלט קומט ארויס די עבודה למעלה ממדוה"ג מיט א הגבלה און ניט בשלימות, וויבאלד אז דאס איז א יום חול.

משא"כ אויב דאס איז א שבת, איז דעמאלט קומט ארויס די החלטות בפועל אין אן אופן פון תענוג, און למעלה ממדוה"ג לגמרי.

וע"ד דער חילוק אין שבת גופא צווישן "מעלי שבתא" און "יומא שבתא" ועאכו"כ זמן רעוא דרעוין בשבת:

דער תענוג פון מעלי שבתא איז א תענוג וואס קומט פון דער שביתה ומנוחה נאך דעם גמר המלאכה, איז דאך פארשטאנדיק אז וויבאלד די מנוחה קומט גלייך נאך די יגיעה, שטערט די יגיעה צו שלימות המנוחה, ובמילא צו שלימות התענוג.

משא"כ די תענוג פון יומא שבתא, ועאכו"כ די תענוג פון רעוא דרעוין, זעט מען בפשטות אז דאס איז א תענוג גבוה יותר, וויבאלד אז ס'איז ניט פארבונדן מיט מנוחה און שביתה ממלאכה.

וואס דאס איז בדוגמא צו דער חילוק צווישן דער למעלה מדוה"ג בימות החול, און דער למעלה ממדוה"ג ביום השבת.

וואס אויך אין ימות החול איז דא דער שבת שבימות החול, וואס דאס איז דער ענין התפלה בימות החול, וואס דאס איז א נידעריקערע דרגא ווי דער ענין התפלה ביום השבת.

וואס דאס איז בדוגמא דער חילוק אויב דער טאג נאך י"ב תמוז קומט אויס בימות החול, אדער דאס קומט אויס ביום השבת.

ח. עד"ז איז פארשטאנדיק דער חילוק אויב דער שבת נאך י"ב-י"ג תמוז וואלט אויסגעקומען מיט כמה ימים נאך י"ב-י"ג תמוז, אדער דאס קומט אויס כבקביעות שנה זו, גלייך אויף מארגן פון י"ב י"ג תמוז:

בשעת שבת קומט ניט אויס בסמיכות צו י"ב-י"ג תמוז, זיינען דעמאלט דא א הפסק פון ימות החול צווישן י"ב-י"ג תמוז מיט שבת,

איז פארשטאנדיק אז דעמאלט איז דער עלי' פון י"ב-י"ג תמוז בשבת ניט בתכלית העילוי, וואס אין צווישן זיינען געקומען ימות החול, וואס זיי פועל'ן אז דער עלי' ביום השבת, דער "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם" פון די ששה ימים שלפניו, זאל זיין אן עלי' פון עניני חול (נוסף צו די עלי' פון די ענינים פון י"ב-י"ג תמוז).

וואס דעמאלט איז דער תענוג ביום השבת בדוגמא ווי דער תענוג פון מעלי שבתא.

משא"כ בשעת שבת איז דער טאג גלייך נאך י"ב-י"ג תמוז - גייט מען דעמאלט גלייך ארײַן פון (די החלטות וואס זיינען פארבונדן מיט למעלה ממדוה"ג, כנ"ל) י"ב-י"ג תמוז אין שבת, אן קיין הפסק פון ימות החול.

וואס דעמאלט גייט מען גלייך ארײַן אין דער העכערע דרגא פון תענוג פון שבת, פון יומא שבתא, ביז פון רעוא דרעוין, וויבאלד אז מ'קומט ניט פון די מלאכה פון עובדין דחול.

ט. אין אנדערע אותיות:

בשעת מ'גייט גלייך ארײַן פון י"ב-י"ג תמוז קומט ארויס די עבודה בפועל אין אן אופן וואס איז נאר "ועשה טוב", אן דעם ענין פון "סור מרע" - ווארום אין שבת איז ניטא דער גאנצער ענין פון "סור מרע", וויבאלד אז דעמאלט ווערט נמשך שלימות התענוג וואס איז למעלה ממדוה"ג לגמרי, כנ"ל.

און דאס פועל'ט אויך אין עבודת האדם, אז ביי אים זאל זיין די עבודה דורכגענומען נאר מיט דעם ענין פון "ועשה טוב".

ווארום וויבאלד אז עבודת האדם דארף זיין אין אן אופן פון "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך" - דערפאר איז בשעת ער דארף ניט ארײַנלייגן זיינע כחות אין די עבודה פון "סור מרע", וויבאלד אז ס'איז שבת - לייגט ער ארײַן אלע זיינע כחות נאר אין די עבודה פון "ועשה טוב", במילא איז דער "ועשה טוב" בתכלית השלימות.

י. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

בשעת מ'גייט ארויס טאן אין הפצת היהדות און הפצת המעינות, ובפרט אין הפצת המבצעים, מיט א צווייטן אידן, כתקוות ודרישת בעל המאסר והגאולה - קען מען צו דעם זולת צוגיין מיט צוויי צוגאנגען:

ער וועט טאן מיטן זולת אין "סור מרע", און צוזאמען דערמיט - אויך טאן מיט אים אין "ועשה טוב".

אדער ער וועט טאן מיט אים נאר אין "עשה טוב", און בכלל ניט אין "סור מרע", און דעמאלט איז אפילו די "רע" וואס איז דא ביי אים (אויב ס'איז דא ביי אים) - וועט בדרך ממילא נתבטל ווערן.

האט מען די הוראה פון דעם וואס שבת קומט גלייך נאך י"ב-י"ג תמוז - אז מ'דארף צוגיין מיט דעם צווייטן צוגאנג, ד.ה. נאר טאן אין דעם ענין פון "עשה טוב", און ניט אין "סור מרע".

וואס דעמאלט וויבאלד אז זיין עבודה איז אין אן אופן פון "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך" - איז די כחות וואס ער וואלט ארײַנגעלייגט אין "סור מרע", נוצט ער איצטער פאר "עשה טוב", במילא פועל'ט ער אזא ריבוי פון "עשה טוב" ביי דעם זולת, אדער בא דעם זולת אין זיך, אז עס ווערט נתבטל בדרך ממילא אלע ענינים פון "רע", דער "אל זר אשר בקרבך".

**יא.** ובלשון פון שו"ע, אז ס'איז דא דער התבוננות אין שפלות האדם, און דער התבוננות אין רוממות הא-ל.

קען מען צוגיין צו דעם זולת, אדער צו דעם זולת אין זיך, און רעדן סיי וועגן דעם ענין פון רוממות הא-ל און סיי וועגן דעם ענין פון שפלות האדם.

אדער מ'קען רעדן נאר וועגן דעם ענין פון רוממות הא-ל, און אזויפיל רעדן וועגן רוממות הא-ל, ביז אז דאס ווערט כל מציאותו, ביז אז עס ווערט במילא נתבטל דער גאנצער ענין פון וואס ער דארף באווארענען שפלות האדם.

האט מען די הוראה פון קביעות שנה זו, וואס שבת קומט גלייך א טאג נאך י"ב-י"ג תמוז, און דערפאר איז דאס א הוראה פאר יעדן אידן, ווארום די גאולה פון י"ב-י"ג תמוז איז דאך געווען א גאולה פאר אלע אידן, ווי דער בעל המאסר והגאולה שרייבט, אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר דאס איז א גאולה פאר אלע סוגים פון אידן, ווי ער רעכנט דערנאך אויס אלע סוגים פון אידן, ביז פאר אזא וואס "בשם ישראל יכונה".

און דאס איז אויך א הוראה פאר כל הזמנים, כמדובר כמ"פ, אז אפילו ווען מ'לערנט ארויס א הוראה פון א קביעות מיוחדת בשנה, בנדו"ד - פון דעם וואס שבת איז דער טאג גלייך נאך י"ב-י"ג תמוז, וואס דאס איז א קביעות וואס איז ניטא ברוב השנים - איז די הוראה בגלוי בשנה זו, אבער דאס איז אויך א הוראה פאר כל השנה כולה, און פאר כל השנים כולם.

און די הוראה איז - אז בשעת מ'טרעפט א צווייטן אידן, אדער בשעת מ'טרעפט א צווייטן אין זיך, וואס מיט אים דארף מען נאך טאן בעבודה - דארף מען מיט אים רעדן נאר וועגן "ועשה טוב", וועגן "רוממות הא-ל", און וועגן זיינע מעלות - אז ער איז א בן אברהם יצחק ויעקב, און א בת שרה רבקה רחל ולאה.

און מ'דארף אזויפיל רעדן און ארייננגיסן אין אים (אדער אין איר) טוב און אור, ביז אז "יפעלו בו ובהשומעים", און עס ווערט אן אור גדול, וואס איז פארבונדן מיט דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז,

און פון דער אור וגאולה פון י"ב-י"ג תמוז קומט מען צו דער אור גדול פון דער גאולה האמיתית והשלימה, בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

**יב.** נוסף להאמור לעיל וועגן י"ב-י"ג תמוז, איז דאך שנה זו א שנה מיוחדת בקשר מיט י"ב-י"ג תמוז - כמדובר אין די פריערדיקע התוועדויות, אז י"ב תמוז דעם יאר, איז מאה שנה להולדת בעל המאסר והגאולה.

ונוסף לזה - איז דער יאר א שנת השמיטה, און אויך - שבת זה, דער שבת וואס קומט נאך י"ב-י"ג תמוז - איז שבת פ' בלק.

דארף מען ארויסנעמען א הוראה פון די אלע דריי ענינים בקשר מיט י"ב-י"ג תמוז.

**יג.** אנהויבנדיק פון דעם וואס י"ב תמוז שנה זו איז מאה שנה להולדת בעל המאסר והגאולה:

דער רגע און יום ההולדת פון מאה שנה איז מקשר דעם שנת המאה און שנת המאה ואחת להולדת.

דאס איז נאכמער מודגש בנוגע צו דער יום הולדת פון דעם בעל המאסר והגאולה:

ער שרייבט אין זיינע רשימות (ווי שוין געדרוקט אין חנוך לנער) אז זיין זמן ההולדת איז געווען באמצע היום פון י"ב תמוז.

וואס אויב עס וואלט געווען ברגע הראשון פון טאג אדער ברגע האחרון פון טאג, וואלט ניט געווען אזוי מודגש אז דאס האט א שייכות סיי צו שנת המאה להולדתו און סיי צו שנת המאה ואחת להולדתו.

וויבאלד אבער אז דער יום הולדת איז געווען באמצע היום - איז מודגש אז דער טאג פון דעם יום הולדת בשנה זו, האט א שייכות סיי צו מאה שנה להולדתו, און סיי צו מאה ואחת שנה להולדתו,

און - אז אין דעם טאג איז דא די קישור פון שניהם יחד.

**לד.** דער ענין פון מאה (שנה) און מאה ואחת (שנה) איז (בכללות) דער ענין פון גבול און בלי גבול, ווי גערעדט פריער באריכה (שיחת י"ב תמוז).

אין ספירות איז דאס - ספירת החכמה און ספירת הכתר:

מאה איז פארבונדן מיט ספירת החכמה, וואס חכמה איז גבול, אבער דער שלימות פון גבול, דער שלימות פון ספירות - עשר פעמים עשר (ספירות) - מאה.

מאה ואחת איז פארבונדן מיט ספירת הכתר, וואס כתר איז למעלה ממדוה"ג.

דערפון קומט אויס אז אין דעם יום הולדת המאה פון בעל המאסר והגאולה, זיינען דא די ביידע ענינים פון חכמה און כתר, וואס יש בזה מה שאין בזה, אין דעם טאג איז אויך דא - קישור שניהם יחד.

ועי"ד ווי דאס איז בנוגע צו ספירת התפארת: ס'איז דא ספירת החסד, און ס'איז דא ספירת הגבורה, און ס'איז דא חיבורם יחד אין ספירת התפארת.

וואס דאס איז אויך מתאים לנדו"ד - ווארום חסד און גבורה זיינען ע"ד כתר און חכמה:

ס'איז מבואר אין חסידות אז חכמה איז ענינה גבורה וצמצום, ווארום חכמה איז דער ראשית הפנימיות, במילא דארף זיין דער ענין פון דין וצמצום, בכדי אז דאס זאל קענען אראפקומען בפנימיות.

כתר איז - רצון (אין כחות האדם), וואס רצון איז בלי"ג, און דער ענין פון חסד ורחמים, און דער ענין פון מקיף.

און בשעת מ'איז מקשר און מחבר כתר וחכמה איז דאס ע"ד ווי תפארת איז מקשר און מחבר חסד און גבורה.

**טו.** דער חילוק צווישן חכמה און כתר, אין עבודת האדם:

כתר אין עבודת האדם - איז דער עבודה ווי חסידות מאכט א גאנצער שטורעם אז עס דארף זיין למעלה ממדידה והגבלה.

ביחד עם זה - דארף אבער די עבודה ניט פארברענען וועלט, נאר עס דארף זיין לעשות לו ית' דירה בתחתונים, וואס א דירה קען ניט זיין א פארברענטע דירה.

חכמה אין עבודת האדם - איז די עבודה במדידה והגבלה: ער טוט אין די מדוה"ג פון חלקו בעולם, אבער אלע זיינע ענינים במדוה"ג טוט ער לשם שמים, און ער מאכט דארטן אויף א דירה לו יתברך, אין א אופן פון אשר קדשנו במצוותיו וצוונו לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

**טז.** א דוגמא צו די בײדע עבודות האט מען אין מצות צדקה [וואס זי איז כללות כל התומ"צ], ובפרט אז יעדער ענין וויל מען דאך אז מ'זאל עס אויסטייטשן אויף דאלארן:

די עבודה שלמעלה ממדוה"ג אין מצות צדקה איז - אז ער לייגט אריין זיין האנט אין קעשענע, אדער אין "באנק-אקאנט", און שרייבט אן א "טשעק" און חתמ'ט אויף דערויף - אבער ער שרייבט ניט אן א סומע געלט, און דאס גיט ער אפ צו דעם גבאי צדקה, און ער מאכט ניט קיינע חשבונות וואס דער גבאי צדקה וועט דארטן אנשרייבן.

וואס אן עבודה ע"פ החשבון איז - אז ער גיט מעשר, אדער א חומש, אדער אפילו אויב ער גיט מערער פאר א חומש - איז דאס אויך אן עבודה ע"פ החשבון און ע"פ מדוה"ג, ווארום ער מאכט א חשבון וויפל געלט ער האט, און ער מאכט א חשבון וויפל איז חומש דערפון, און דערנאך פועל'ט ער אויף זיך צו געבן מערער פאר דעם חומש.

אן עבודה וואס איז למעלה ממדוה"ג לגמרי איז - אז ער מאכט ניט קיינע חשבונות: ער ווייסט אז ס'איז דא א מציאות פון א חומש, און פון מעשר, און פון תקנת אושא - און פונדעסטוועגען מאכט ער ניט קיינע חשבונות און שרייבט אן א "טשעק" און לאזט ליידיק דעם ארט וואו מ'שרייבט אן דער סומע, און דאס גיט ער אוועק צו דעם גבאי צדקה, אן קיינע אנדערע מחשבות.

און דאס טוט ער ניט אין אופן וואס ער באווייזט א קונץ זיין יצר, אז ער קען געבן מערער פאר זיינע מדוה"ג - וואס דעמאלט איז דאס נאר אן ענין פון סובב כל עלמין: עס איז טאקע סובב, העכער פאר זיינע כחות און זיינע מדידות והגבלות, ביז סובב כל עלמין, העכער פאר אלע עלמין, אבער דאס איז סובב כל עלמין, דאס איז למעלה ממדידות והגבלות לפי ערך זיינע כחות.

ווען איז דאס סובב האמיתי - דוקא ווען ער גייט צו מיט א צוגאנג אז ביי אים איז לכתחילה ניטא קיינע מדידות והגבלות און חשבונות, און ער שרייבט אן א ליידיקער "טשעק" אפילו אן ברעכן זיך און אן פראוועו אתכפיא.

ד.ה. אז ער שרייבט אן דעם ליידיקן "טשעק" און ער גיט דאס אפ דעם גבאי צדקה, ניט וויסנדיק די תכונות פון דעם גבאי צדקה - צי ער איז א נארמאלער מענטש, אדער ער איז א ווילדאק, וואס וועט ניט רעכענען זיך מיט קיינע מענטשלעכע חשבונות.

און אעפ"כ איז דאס אים ניט מבלבל, און ניט נאר אז דאס איז אים ניט מבלבל פון שלאף - נאר ער טוט דאס לכתחילה אן קיינע חשבונות.

**יז.** דערנאך איז דא די עבודה במדוה"ג אין מצות צדקה - אז ער שרייבט בפירוש אן א סומע געלט אויף דעם "טשעק", און דאס גיט ער אפ דעם גבאי צדקה, און דערנאך ווען עס קומט אריין א צווייטער גבאי צדקה שרייבט ער אים אן אויך א "טשעק" מיט א סומע געלט וכו'.

ווארום אויב ער וועט גיין אין א אופן פון למעלה ממדוה"ג, און ער וועט אנשרייבן אין "טשעק" אן א סומע געלט און דאס אפגעבן איין גבאי צדקה - קען דאך זיין אז דער גבאי צדקה וועט אנשרייבן א סומע כנגד די גאנצע געלט וואס ער האט

אין באנק, וועט ביי אים גארניט בלייבן - קען ער דאך ניט אנשרייבן נאך א "טשעק" אויף געבן נאך א גבאי צדקה.

און די גמ' פסקנ'ט בפירוש אז מ'דארף ניט געבן אלע תרומות צו איין כהן, נאר מ'זאל דאס אויסטיילן צו כמה כהנים -

איז עד"ז בעניננו, דארף ער געבן געלט ניט נאר איין גבאי צדקה, און געבן טאקע מערער פאר א חומש - אבער געבן מיט א חשבון, אז בשעת "זה יצא וזה בא" און עס קומט צו אים אריין א צווייטער גבאי צדקה פאר א צווייטן מוסד, זאל ער אים אויך קענען געבן מערער פאר א חומש.

**יח.** און אין די צוויי אופני עבודה איז דא א מעלה בכל אחד וואס איז ניטא אין דער צווייטער.

ובפשטות איז דאס: אין דער ערשטער אופן איז די מעלה לגבי עצמו, אין דעם צווייטן אופן איז די מעלה לגבי א זולת און לגבי וועלט:

דורך דער ערשטער אופן העבודה, למעלה ממדוה"ג לגמרי - האט ער פאר זיך די מעלה פון "אשריך וטוב לך, אשריך בעוה"ז וטוב לך בעולם הבא" - ווארום ער האט די דרגא וואס איז העכער פאר ממלא און פאר סובב (סובב כל עלמין), וואס אין למעלה מזה.

דורך דער צווייטער אופן העבודה, במדוה"ג - איז דא דער ענין פון ישוב העולם, ווארום ער רעכנט זיך מיט וועלט, אז דארטן זאל זיין א דירה לו ית', וואס אין וועלט איז נוגע אז יעדער מוסד פון אידישקייט זאל האבן געלט, און דורך דערויף מאכט ער אויף א דירה לו ית' בתחתונים.

אין דעם ערשטן אופן העבודה - איז די דירה בתחתונים אין אן אופן פון "ושכנתי בתוכם - בתוך כל אחד ואחד", א דירה אין דעם אדם עצמו.

ועד"ז זיינען דא נאך ענינים וואס מ'קען אין דערויף מבאר זיין, וואס דאס וועט מען שוין איבערלאזן פאר א צווייטן צו מבאר זיין.

**יט.** מ'זעט אז דער עולם איז צופרידן מיט דער דוגמא אויף סובב **כל עלמין**, און סובב אמיתי - פון א "טשעק" וואס דארטן שטייט דער סומע, און פון א "בליינק טשעק" -

מ'דארף אָבער וויסן, אז די עבודה שלמעלה ממדוה"ג פון שרייבן א "בליינק טשעק", איז אן עבודה דוקא אויב דאס וועט אים ניט שטערן און אנרירן אין בריאות הגוף,

אויב ער וועט אבער מורא האבן אז ווער ווייס וואס דער גבאי צדקה וועט דארטן אנשרייבן - איז דאס ניט קיין עבודה פאר אים.

ווארום מצד דעם וואס ער האט מורא - וועט ער ניט קענען שלאפן, און אפילו אז ער וועט נעמען "סליפינג פילס", וואס דעמאלט וועט ער בהכרח שלאפן - וועט ער האבן אזוינע חלומות, אז ווער ווייס וואס טוט זיך אין באנק וכו' - אז בשעת ער וועט אויפשטיין אינדערפרי וועט עס אים שטערן אין לערנען זיינע שיעורי תורה, און דערנאך שטערן אין "לימוד גדול המביא לידי מעשה" - אין זיין מעשה בכל היום כולו, ער וועט האבן א צושטערטן טאג.

וואס דערפאר באווארנט מען אז אזא מענטש דארף זיך ניט פארנעמען מיט אזא עבודה.

כ. די צוויי אופני עבודות הנ"ל זיינען מתאים צו דער חילוק צווישן חכמה מיט כתר:

חכמה איז דער שלימות פון עולם, וואס דער שלימות פון עולם באשטייט ניט נאר פון דעם אז אין דעם עולם איז דא דער ענין פון ממלא **כל עלמין**, נאר עס מוז דארטן אויך זיין סובב **כל עלמין**.

וכמבואר אויך אין דרושי פסח, אז ביי אוה"ע איז דער אמונה אין ממכ"ע, און בא אידן איז די אמונה אין סוכ"ע, וואס דערפון איז מובן אז סוכ"ע האט אויך א שייכות מיט שלימות העולם.

וואס דערפאר איז אויך די עבודה פארבונדן מיט חכמה - אן עבודה שלמעלה ממדוה"ג, אבער דאס איז למעלה ממדוה"ג פון "עלמין", ד.ה. למעלה ממדוה"ג לפי"ע די כחות האדם.

משא"כ כתר איז דער ענין פון סובב האמיתי - אז ער גייט ארויס אינגאנצן פון אלע מדידות והגבלות.

כא. דערנאך איז דא דער חיבור פון כתר מיט חכמה, פון בל"ג מיט גבול.

וואס דאס זעט מען בגלוי אין ראש השנה:

ר"ה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "תמליכוני עליכם", פון "קבלו מלכותי",

וכמבואר בכ"מ אז אויך בכל השנה איז דא דער ענין פון "קבלו מלכותי", ווי מ'זאגט אויך אין די תפלות פון כל השנה - "מלך העולם"; אבער בעיקר איז כל השנה פארבונדן מיט "קבלו גזרותי", משא"כ דער חידוש פון ר"ה איז - אז ס'איז דא מערניט (ובעיקר) ווי דער ענין פון "קבלו מלכותי", "תמליכוני עליכם".

וואס דער ענין פון "תמליכוני עליכם" איז למעלה ממדוה"ג לגמרי;

אבער ביחד עם זה איז אין ר"ה "מצות היום בשופר", וואס דאס איז א מצוה פרטית, און דאס איז פארבונדן מיט מדוה"ג, ווי די דינים און די שיעורים זיינען בנוגע צו תקיעת שופר, אז תרועה און שברים דארפן האבן אזא און אזא שיעור, און דער שיעור פון דער תקיעה דארף זיין כנגד שניהם וכו' - אלץ אן ענין פון מדוה"ג.

און מ'זאגט אז דער ענין פון "תמליכוני עליכם" איז פארבונדן דוקא מיט מצות תקיעת שופר.

וואס דאס איז בפשטות דער חיבור פון גבול מיט בלי גבול, דער חיבור פון חכמה מיט כתר.

כב. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער חיבור פון מאה און מאה ואחת, והביאור בזה:

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט די גמ' אין חגיגה (ט, ב) אז "אינו דומה שונה פרקו מאה פעמים לשונה פרקו מאה ואחד", און איינער וואס איז נאר "שונה פרקו מאה פעמים", און ניט "מאה ואחד" פעמים - ווערט אנגערופן "לא עבדו", ביז אז ער ווערט אנגערופן גאר דער היפך פון א צדיק, ווי די גמ' זאגט דארטן.

וואס אויך דערויף איז דא א תורה פון בעש"ט (כש"ט סקנ"ה): "וכי בשביל שחסר א' יהי' נקרא רשע לא עובד, וביאר ע"פ משל בא יבא ברנה נושא אלומותיו, אם יסוד

תורתו ועבודתו ליוהרא גם שהוא עובד איננו כלום מאחר שחסר ממנו אחד, פי' שיכוין לשמו ית' סוד אחד האמיתי, ובזה גם שהוא עובד ה' מ"מ מקרי לא עבדו. והטעם שאיננו דומה שונה ק' פעמים לשונה מאה פעמים ואחד שחסר אחד".

אז בשעת ער איז "שונה פרקו מאה (פעמים) ואחד", האט ער דעם "אחד" פון "הוי' אחד", "שיכוין לשמו ית' אחד האמיתי", וואס דער "אחד" פארבינדט זיך מיט "יחיד", "יחידו של עולם".

וואס ע"פ דעם תורה פון בעש"ט איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון מאה ואחד איז פארבונדן מיט למעלה ממדוה"ג, והביאור בזה:

דער לערנען דעם פעם המאה ואחד נוסף אויף דעם וואס ער האט שוין געלערנט מאה פעמים - איז (לויט תורת הבעש"ט) ניט נאר איין מאל בכמות, ד.ה. נאך איין מאל פונקט ווי די מאה פעמים וואס ער האט פריער געלערנט -

נאר דאס איז אן ענין וואס ביי אים קומט צו באיכות - דער "אחד" פון "הוי' אחד", "אחד האמיתי".

וואס בנוגע צו דער זכרון און צו דער הבנה והשגה פון דעם אדם הלומד - איז טאקע נוגע דער ריבוי פעמים בכמות אין לערנען;

אבער דאס וואס קומט צו דורך דעם פעם המאה ואחד פון לערנען - איז א נייער ענין באיכות, דער ענין פון "אחד", וואס דאס קומט "בשעתא חדא וברגעא חדא", ער דארף אויף דערויף ניט האבן אן אריכות זמן פון לערנען א ריבוי פעמים.

וואס דאס באווייזט אז דאס איז אן ענין פון למעלה ממדוה"ג לגמרי - דער ענין פון "אחד האמיתי", "יחידו של עולם".

וע"ד בנוגע צו חג השבועות המבואר אין חסידות - אז חג השבועות איז יום אחד, ניט ווי שאר הרגלים, וואס זמן חירותינו איז ז' ימים, און זמן שמחתנו איז ח' ימים - איז ניט לגריעותא - נאר אדרבה: ווייבאלד אז חג השבועות איז פארבונדן מיט למעלה מסדר ההשתלשלות דערפאר קומט עס ניט אראפ אין א ריבוי מספר פון ימים, נאר אין א יום אחד.

כג. צוזאמען דערמיט איז דער (מאה ו)אחד אויך פארבונדן מיט די מאה שלפנ"ז (וואס דאס איז דער קישור פון מאה און מאה ואחד, גבול און בל"ג),

וע"ד ווי דאס איז אויך בנוגע צו חג השבועות:

צוזאמען דערמיט וואס חג השבועות איז א יום אחד, דערפאר וואס דאס נעמט זיך פון למעלה מסדר ההשתלשלות - ווערט חג השבועות אויך נמשך על כל השנה כולה.

ניט ווי זמן חרותינו וואס איז נאר ז' ימים בשנה און מערניט, און עד"ז חג האסיף - ח' ימים און מערניט -

נאר ווייבאלד אז חג השבועות איז א יום אחד, למעלה ממדוה"ג - דערפאר ווערט עס נמשך על כל השנה כולה.

וואס דאס איז דער ענין וואס מתן תורה, וואס איז געווען בחג השבועות, ווערט נמשך על כל השנה כולה - אז "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע".

וואס עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו מאה ואחד,



הנחה הרסלת בלתי מוגה

וואס דאס איז דער חיבור פון בל"ג און גבול: חגה"ש איז א יום אחד, בל"ג, און דאס ווערט נמשך על כל השנה כולה, אין גבול.

וואס עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו מאה און מאה ואחד: מאה **ואחד** איז דער ענין פון בל"ג, כנ"ל (ע"פ תורת הבעש"ט), און מאה איז דער ענין פון גבול; און דערנאך איז דא ווי מאה ואחד האט א קישור מיט מאה - דער חיבור פון בל"ג און גבול.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו די עבודה פון י"ב תמוז בשנה זו, וואס אין דעם טאג זיינען דא די ביידע ענינים - דער סוף פון מאה שנה להולדת בעל המאסר והגאולה, און אויך דער התחלה פון שנת המאה ואחת להולדתו;

און דערנאך איז דא ווי זיי ווערן אײַן זאך אין דעם טאג - דער חיבור פון גבול און בל"ג.

**כד.** די הוראה דערפון וואס י"ב-י"ג תמוז בשנה זו איז אין א שנה השביעית:

כמדובר כמ"פ אז אין א שנה השביעית וועז מ'ווערט באפרייט פון עבודת האדמה, און במילא קומט צו מערער זמן פנוי - דארף מען ממלא זיין דעם זמן פנוי מיט עבודת ה', מיט לימוד התורה, ווארום יעדער זמן פנוי וואס א איד האט דארף ער ממלא זיין מיט לימוד התורה.

וואס דאס איז לכאו' נאר בנוגע צו ארץ ישראל - ווארום מצות שמיטה איז פון די מצוות התלויות בארץ

משא"כ אבער אין חו"ל, ועאכו"כ נאך דעם חורבן ביהמ"ק, דארף מען ניט האבן, די זהירות און מען מעג טאן עבודת האדמה אויך בשנת השמיטה, ווארום אין חו"ל דארף מען ניט האבן די זהירות ווי אין ארץ ישראל.

און וויבאלד אז מ'מעג דארטן טאן עבודת האדמה - **מוז** מען טאן עבודת האדמה, ווארום "אדם לעמל יולד", איז פונקט ווי "שש שנים תזרע שדך" עד"ז דארף אויך זיין אין דער שנה השביעית.

זאגט מען אבער אז ביחד עם זה וואס מ'טוט אין עבודת האדמה אין חו"ל - איז די נשמה ניט געגאנגען אין גלות, ובפרט לויט דעם אנזאג אז מ'דארף מאכן אויך אין חו"ל א"י -

דארף מען ארויסנעמען די הוראה אין עבודה רוחנית אויך אין חו"ל - צו מוסיף זיין בלימוד בתורה אין א שנת השמיטה.

**כה.** די הוראה דערפון וואס דער שבת, דער טאג (און שבת) נאך י"ב-י"ג תמוז איז שבת פ' בלק:

פ' בלק איז ענינו - משיח, ווארום פון אלע נ"ג פרשיות אין תורה איז דוקא אין דער פרשה זיינען דא די פסוקים פון דער נבואה (נבואת בלעם) וואס עס וועט זיין "באחרית הימים".

והגם אז אויך אין פ' האזינו און אין פ' ברכה זיינען אויך דא נבואות וועגן ימות המשיח -

איז אבער אין הלכה ברענגט דער רמב"ם (הל' מלכים פי"א ה"א) ראיות וועגן ימות המשיח דוקא פון די כתובים אין פ' בלק, "אף בפרשת בלעם נאמר ושם נבא בשני המשיחים וכו'".

און וויבאלד אז דאס ברייננט זיך להלכה - איז פארשטאנדיק אז דאס איז נוגע צו דער אמונה אין משיח'ן, "אחכה לו בכל יום שיבוא", פון א אידן נאך איצטער אין זמן הגלות, און אויך נוגע - צו די הכנות וואס מ'דארף דערצו מאכן, כדלקמן.

**כו.** דער רמב"ם זאגט: "אף בפרשת בלעם נאמר ושם נבא בשני המשיחים במשיח הראשון שהוא דוד שהושיע את ישראל מיד צריהם, ובמשיח האחרון שעומד מבניו שמושיע את ישראל באחרונה", וואס די "שני המשיחים", "משיח הראשון" און "משיח האחרון", זיינען משיח ווי ער איז פאר דעם ביהמ"ק און משיח ווי ער איז נאך דעם ביהמ"ק.

ועפ"ז יש להוסיף ביאור אין דעם וואס דער רמב"ם ברייננט ראיות אז "שם נבא בשני המשיחים", ניט נאר וועגן "משיח האחרון", נאר אויך וועגן דוד'ן, "משיח הראשון" (ראה לקו"ש השבועי ס"ב ואילך. ס"י):

דער רמב"ם זאגט ווייטער אין א הלכה (ה"ד): "ואם יעמוד מלך מבית דוד כו' וילחם מלחמת ה' הרי זה בחזקת שהוא משיח אם עשה והצליח (ונצח כל האומות שבסביביו) ובנה מקדש במקומו וקבץ נדחי ישראל הרי זה משיח בודאי".

וואס דאס זיינען צוויי תקופות אין משיח'ן גופא: פריער וועט זיין "וילחם מלחמות ה'" (וואס דעמאלט "הרי זה בחזקת שהוא משיח"), און דערנאך וועט זיין די תקופה וואס "עשה והצליח ובנה ביהמ"ק במקומו וקבץ נדחי ישראל" (וואס דעמאלט "הרי זה משיח בודאי").

און דאס זיינען ניט נאר צוויי תקופות אין **זמן** פון ימות המשיח, נאר דאס זיינען צוויי תקופות אין משיח עצמו: פריער וועט ביי אים נאר זיין דער ענין פון "ילחם מלחמות ה'", און דערנאך וועט צוקומען א שלימות אין משיח עצמו דורך דעם וואס עס וועט זיין "ובנה ביהמ"ק במקומו".

וכמובן דערפון וואס דער ביהמ"ק (אויך דער ביהמ"ק ראשון ושני) האט דאך גע'פועל'ט א שלימות אין אלע אידן, ועאכו"כ אז דער משכן האט גע'פועל'ט א שלימות אין משה רבינו, ווארום ער האט דאך געוואוסט וואס דער משכן איז.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דער ביהמ"ק השלישי וועט פועל'ן א שלימות אין משיח'ן, ווארום ער וועט דאך וויסן וואס דער ביהמ"ק השלישי איז, וויבאלד אז ער וועט איר בויען, ובפרט אז דאס איז דער ביהמ"ק השלישי, וואס איז גרעסער פון דעם ביהמ"ק הראשון ושני - וועט עס זיכער פועל'ן א שלימות אין משיח'ן.

און די צוויי תקופות אין משיח זיינען בדוג' ווי דער "משיח הראשון", דוד המלך, און "משיח האחרון" אין משיח (האחרון) גופא:

די תקופה פון "וילחם מלחמות ה'" איז בדוגמ' צו (דער זמן פון) דוד המלך וואס ער האט געהאלטן מלחמות, און ער האט **מכין** געווען צום בנין ביהמ"ק;

די תקופה פון "ובנה ביהמ"ק במקומו כו'" איז בדוג' ווי דער "משיח האחרון" אין "משיח האחרון" גופא, וואס דעמאלט קומט צו דער שלימות אין משיח דערפון וואס ס'איז דא דער ביהמ"ק.

**כז.** כאמור לעיל, אז וויבאלד דער רמב"ם ברייננגט אראפ די פסוקים פון פ' בלק אלס א ראי' להלכה וועגן דעם ענין פון משיח - איז פארשטאנדיק אז דאס איז נוגע צו עבודת האדם איצטער נאך אין זמן הגלות.

ובפרט אז אלע גילויים פון לע"ל זיינען "תלוי במעשינו ועבודתינו כל זמן משך הגלות" (תניא רפל"ז).

וואס בשעת עס קומט שבת פ' בלק און מ'זאגט דעם אידן אין די פרשה די פסוקים פון די נבואה וועגן ימות המשיח, און אז די פסוקים ברייגנען זיך להלכה אין רמב"ם הל' מלכים ומלחמותיהם, וואס דערפון פארשטייט עד אז ס'איז א זיכערע זאך אז די נבואה וועט מקויים ווערן -

פועל'ט דאס אז זיין עבודה נאך בזמן הגלות זאל זיין באופן אחר לגמרי.

וכידוע דער פתגם פון דער בעל המאסר והגאולה, אז בשעת מ'גייט צו מלחמה זינגט מען א שיר של נצחון, און דאס איז איינע פון די תכסיסי מלחמה - ווארום דורך דעם וואס מ'זינגט א שיר של נצחון, אז מ'איז זיכער און מ'ווייס אז מ'וועט מנצח זיין די מלחמה - איז דאס גופא פועל'ט דעם נצחון.

ובפרט אז דאס איז א **שיר** של נצחון, וואס א שיר איז למעלה ממדוה"ג, העכער פאר די מדוה"ג פון דיבור.

**כח.** דערפון האט מען די הוראה בנוגע צו די אלע פעולות וואס מ'טוט דעם י"ב-י"ג תמוז - אז בשעת מ'ווייסט פון די פסוקים אין פ' בלק אז מ'וועט זיכער מנצח זיין, ווארום משיח וועט זיכער קומען -

פועל'ט דאס אז מ'זאל טאן די פעולות באופן אחר לגמרי, וואס די פעולות זיינען די פעולות וואס ברייגנען משיח צדקנו בעגלא דידן ממש.

* * *

**כט.** וויבאלד אז מ'רעדט וועגן די ענינים וואס האבן זיך גערעדט אין דער התוועדות שלפנ"ז (י"ב תמוז) - איז כאן המקום צו משלים זיין די ענינים וואס מ'האט ניט מבאר געווען אין די פריערדיקע התוועדויות מפני קוצר הזמן.

שבת פ' קרח האט מען גערעדט ווי אזוי קען מען אנרופן א גאנצע פרשה אין תורה על שם קרח, וואס ער האט געפירט א מחלוקת קעגן משה און תורת אמת.

און דערפאר האט מען גערעדט וועגן די אלע מעלות וואס קרח האט געהאט, ביז אז קרח איז זיך מתייחס על הדוכן צו יעקב, און ער איז אויך מקשר די אלע וואס זיינען ארויס פון אים צו יעקב, ווי רש"י ברייגנגט אראפ, ווי גערעדט דעמאלט באריכה.

לפי"ז ווערט א שאלה בנוגע צו פ' בלק: ווי קען מען אנרופן א גאנצע פרשה אין תורה על שם איינער ווי בלק?!

**ל.** א איד הויבט דאך אן יעדער זאך מיט טענות:

די שאלה וועגן פ' בלק איז א פשוט'ע שאלה וואס האט געדארפט איינפאלן יעדער איינער וואס האט געהערט וואס האט זיך גערעדט אין דער התוועדות פון שבת פ' קרח,

און אעפ"כ האב איך ניט באקומען די שאלה פון קיין איין און איינציקער!

נאר איין מענטש, א יחיד בעולמו, און פון וואנעט - פון עבר לים, האט בא מיר געפרעגט די שאלה.

וואס דאס באווייזט וויפל מ'הערט און וויפל ס'איז נוגע דאס וואס מ'האט גערעדט.

אויב עס וואלט געווען אימעצען נוגע, איז גלייך נאך די התוועדות, גלייך במוצאי שבת, אדער ביום ראשון - וואלט מען געדארפט פרעגן די שאלה, וואס דאס וואלט באוויזן אז דאס וואס מ'רעדט איז איימעצען נוגע.

וויבאלד אז קיינער האט דאס ניט געטאן פארשטייט מען שוין אליין וויפיל מ'האט געהערט וואס מ'האט גערעדט.

מ'האט טאקע געשריבן צעטלעך מיט שאלות - אבער די שאלה האט מען ניט געפרעגט.

וואס אפילו אויב מ'וואלט געהערט וואס מ'האט גערעדט בשטחיות הכי תחתון - וואלט מען זיך אויך געדארפט כאפן אויף די שאלה,

ווארום יעדער איינער, אפילו א בן חמש למקרא, האט געלערנט, אדער עכ"פ מעביר געווען פרשת בלק, זעט מען דאך אז דער פרשה ווערט אנגערופן - בלק - איז ווי קען מען אנרופן א גאנצע פרשה אין תורה מיט אזא נאמען?

אפילו אז מ'וועט זאגן אז בשעת מ'האט גערעדט וועגן די שאלה אויף פ' קרח - האט מען נאך ניט געלערנט אדער מעביר געווען פ' בלק, און דאס וואס מ'האט געלערנט די פרשה פאראיארן - געדיינקט מען ניט -

איז אבער פאר פ' קרח איז דא א פרשה מיטן נאמען "מצורע" - וואלט דאך געדארפט ווערן די שאלה (ע"פ וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות שבת פ' קרח) ווי קען מען אנרופן א גאנצע פרשה אין תורה מיטן נאמען "מצורע"?

ובפרט אז פאר דעם ווארט "מצורע" שטייט אין דער פרשה "זאת תהי' תורת (המצורע)" - האט מען דאך געקענט אנרופן די גאנצע פרשה מיטן נאמען "תורת", ע"ד ווי פ' חוקת (פון די ווערטער "זאת חוקת התורה").

[אין כמה תשובות און מכתבים ווערט פ' מצורע טאקע ניט אנגערופן מיטן נאמען מצורע נאר מיטן נאמען "טהרה" - אבער דער נאמען פון דער פרשה ווי ס'איז געדרוקט אין אלע חומשים, איז - פ' מצורע].

לא: און דערפון וואס קיינער האט ניט געפרעגט די שאלות - איז פארשטאנדיק אז קיינער הערט ניט וואס מ'רעדט.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז די אלע אנדערע זאכן וואס מ'רעדט הערט קיינער ניט און דאס איז קיינעם ניט נוגע.

און אפילו אז מ'הערט שוין עפעס יע - איז מען אזוי ווי א משפך:

דער תכונה פון א משפך איז - אז ס'איז נכנס בזה ויוצא מזה, און אין דעם משפך בלייבט גארניט קיין רושם פון וואס דארטן איז אדורך.

ס'איז דא א זאך וואס בשעת עס גייט עפעס אדורך דורך איר - ווערט א חלק פון דעם נבלע אין דער זאך; א משפך אבער, לאזט גארניט איבער בא זיך פון וואס איז דארטן אדורך.

עד"ז בנדו"ד: וויבאלד אז מ'האט אזנים, האט מען ניט קיין ברירה און עס גייט אין זיי עפעס אריין; אבער גלייך דערנאך איז ער אזוי ווי א משפך - און ער שפארט דער זאך גלייך ארויס פון זיך, און ער מאכט זיכער אז עס זאל ביי אים גארניט בלייבן פון דעם וואס איז דארטן אריין!

לב. מ'פארצייכנט וואס מ'רעדט, און מ'איז דאס מגי', און מ'דרוקט עס אפ, און מ'איז דאס מפיץ און מ'שיקט עס פאנאנדער.

און ער מוז דאך האבן די רשימה - ווארום ווי קען זיין אז אנדערע זאלן דא האבן און ער זאל דאס ניט האבן?! און ער דארף דאס אויך האבן יפה שעה אחת קודם פאר אנדערע -

צי דען קוקט ער אבער אין דעם אריין צו זען וואס מ'האט גערעדט - ניין! ווארום עס אינטערעסירט אים ניט!

און דערנאך ווען ער זיצט בא דער התוועדות צי דען הערט ער וואס מ'רעדט - אויך ניין! ווארום ס'איז אים ניט נוגע!

והראי', ווען מ'רעדט אן ענין ווי קען א גאנצע פרשה אין תורה הייסן מיטן נאמען קרח - פאלט אים גארניט איין אז לפי זה איז ניט פארשטאנדיק בנוגע צו פ' בלק.

און קיין איין און איינציקער האט עס ניט געפרעגט!

וואס בנוגע צו די וואס פרעגן ניט קיין שאלות - ווייסט מען בכלל ניט וואס עס טוט זיך מיט זיי, במילא איז "כל ישראל בחזקת כשרות"; אבער די וואס פרעגן יע שאלות - האבן זיך געדארפט אפשטעלן אויף די שאלה.

נאר איין מענטש, א יחיד בעולמו, האט געפרעגט די שאלה, כנ"ל, און צוליב ...ים דארף מען מאטערן דעם עולם און פארענטפערן די שאלה.

לג. דאס וואס מ'רעדט וועגן דעם איז ניט דערפאר וואס איך האב טענות - ווארום איך ווייס אז אויב איך וועל זאגן אז איך האב טענות - וועט מען מיר זאגן: ווער איז דיר מכריח צו פארברייינגען?!

האסט א ברירה צו רעדן פאר פינף מינוט, וואס אין פינף מינוט קען מען אפזאגן א סאך פסוקים און מארז"ל, עאכו"כ רעדן ח"י מינוט, וואס דאס איז דער שיעור פון א מהלך מיל - דערמיט יוצא זיין פארן שווער, און יוצא זיין פארן מנהג ישראל וואס "תורה הוא", צו פארברייינגען שבת מברכים, און אין ימי סגולה.

וואס דארף מען מאטערן דעם עולם און פארברייינגען און רעדן וואו מ'שטופט זיך און מ'שוויצט וכיו"ב.

און דערנאך זאגן אז דאס איז א חסידישע התוועדות, און פון דעם דארף מען זיך אפלערנען וכו'.

ובפרט אז ס'איז אויפן חשבון פון ביטול זמן און ביטול תורה - וואס אויב מ'וואלט ניט פארבראכט וואלט ער געקאנט זאגן תהלים, און א צווייטער געקאנט לערנען תושב"כ און תושבע"פ, און א דריטער זיך עוסק זיין אין מבצעים, און מיט אלע גוטע זאכן.

איז וואס דארף מען פארברייינגען און סתם מאטערן דעם עולם און דערגייין זיך די יארן?!

ווי באלד אז ס'איז שבת, וואס "פרש שבתכם לא נאמר" - וועט עס מסתמא קיינעם ניט שאטן, והלואי אז עס זאל מיר אויך ניט שאטן.

און ס'איז ניט דער פירוש אז צוליב האמור לעיל וועט מען מקצר זיין אין די פארברייינגענישן - נאר אין דעם [illegible] איך בלי נדר

פארברייגגען מערער פאר פינף מינוט, און מערער פאר ח"י מינוט, און אפילו מערער פאר כ"ד מינוט, וואס דאס איז דער שיעור מהלך מיל פאר די מהמירים - און אסאך מערער פאר דעם.

און ווייבאלד אז ס'איז שבת - קען מען זיך פארגינען רעדן וועגן כל האמור לעיל.

**לד.** דער ביאור אין דעם וואס ס'איז דא א גאנצע פרשה אין תורה מיטן נאמען "בלק" און אויך מיטן נאמען "מצורע":

א בן חמש למקרא ועאכו"כ א ערוואקסענער פארשטייט אז תורה איז אין זיך כולל אלץ וואס איז דא אין וועלט, און יעדער זאך וואס מ'געפינט אין וועלט מוז ערגעץ וואו זיין אין תורה, ובלשון הזהר "אסתכל באורייתא וברא עלמא".

און ער פארשטייט אויך אז דער נאמען פון א זאך, "שמו אשר יקראו לו בלה"ק", איז אן ענין עיקרי אין דער זאך, און דאס באווייזט אויף דער תוכן פון דער זאך.

ובמילא פארשטייט ער אז בשעת מ'זאגט אז אלץ וואס איז דא אין וועלט איז דא אין תורה - איז דאס במיוחד ובהדגשה אין די נעמען פון די פרשיות התורה.

וואס עפי"ז פארשטייט ער פארוואס די ערשטע פרשה אין תורה הייסט "בראשית" - ווארום די ערשטע זאך וואס מ'דארף וויסן אין וועלט איז אז די ערשטע זאך איז תורה - "בראשית - ראשית בשביל התורה".

און ווייבאלד אז די וועג צו ברייגגען ברכה אין וועלט איז דורך מקיים זיין תומ"צ, ווי עס שטייט "אם בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו גו', ונתתי גשמיכם בעתם גו'" - דערפאר איז דער נאמען פון די לעצטע פרשה אין תורה - "ברכה".

און די אלע פרשיות בינתיים (צווישן פ' בראשית מיט פ' ברכה) זיינען כולל אין זיך אלע ענינים אין וועלט.

**לה.** ווייבאלד אז ס'איז דאך אבער "מה רבו מעשיך" און "מה גדלו מעשיך" - קען מען דאך ניט כולל זיין יעדער פרט ופרט אין וועלט אין די שמות הפרשיות -

דערפאר זיינען אין די שמות הפרשיות נאר דא די ענינים עיקריים פון כל סוג וסוג אין וועלט.

עד"ז איז פארשטאנדיק אז די שמות הפרשיות דארפן אין זיך כולל זיין אויך די סוגים הכי תחתונים אין וועלט - ווארום אויב עס וועט נאר כולל זיין דער ראש און דער אמצע פון עניני העולם, איז דאס טאקע כולל אין זיך אלע ענינים בינתיים - אבער דאס איז ניט כולל אין זיך א זאך וואס איז למטה הימנו;

משא"כ אויב די שמות הפרשיות זיינען כולל אין זיך סיי דער דרגא הכי עליון, און סיי דער דרגא הכי תחתון - דעמאלט זיינען אין דערויף נכלל אלע דרגות, וואס אלע דרגות זיינען בינתיים צווישן דעם ראש מיט דעם סוף, וכמובן בפשטות, אז בשעת מ'האט דעם ראש און דעם סוף, איז דאס כולל אין זיך הכל.

**לו.** דער סוג הכי נמוך צווישן בני אדם און אומות העולם - איז געווען בלק, וואס ער האט געזאגט (פרשתנו כב, ה-ו) "הנה עם יצא ממצרים הנה כסה את עין הארץ גו', ועתה לכה נא ארה לי את העם הזה כי עצום הוא ממני אולי אוכל נכה בו ואגרשנו מן הארץ".

וואס אפילו עמלק, וואס ער האט אויך געזען ווי די אידן זיינען ארויס פון מצרים, און ער האט געזען די אלע מופתים פון דעם איבערשטן פארבונדן מיט דעם - האט ער אבער נאר געוואלט הרג'נען "את הנחשלים אחריך", און ניט אלע אידן;

משא"כ בא בלק איז געווען ביידע זאכן: ער האט געזען ווי אידן זיינען ארויס פון מצרים, "הנה עם יצא ממצרים", און ער האט אויך געוואלט פטור ווער פון אלע אידן - "ואגרשנו מן הארץ".

וואס דערפאר איז דא א פרשה אין תורה מיט דעם נאמען "בלק", ווארום אין תורה דארף אויך זיין נכלל דער סוג הכי תחתון צווישן אוה"ע אין וועלט.

**לז.** לפי זה ווערט אבער א שאלה:

דער סוג הכי תחתון צווישן אידן איז לכאו' געווען קרח - איז דאס לכאו' דער טעם פארוואס ס'איז דא א פרשה אין תורה מיט דעם נאמען "קרח" - איז פארוואס האט מען מבאר געווען אן אנדער ביאור אין די וואס דער פרשה ווערט אנגערופן "קרח"?

איז דער ביאור בזה, אז פאר פ' קרח קומט פ' מצורע, וואס א מצורע איז נאך א נידעריקערע דרגא ווי קרח. ווארום:

א מצורע איז איינער וואס האט גערעדט לשון הרע אויף אנדערע, ווי רש"י ברייננגט אראפ אין חומש (תזריע יג, מו. מצורע יד, ד), וואס דערפאר דארף ער זיין "בדד ישב מחוץ למחנה מושבו" (תזריע שם), וואס דאס איז מחוץ לשלש מחנות (רש"י שם);

משא"כ קרח האט ניט געדארפט גיין מחוץ לשלש מחנות צוליב זיין חטא, ואדרבה - קרח איז געווען אין מחנה לוי', און ער איז געווען פון די טוענו הארון.

וואס דערפאר איז דער נאמען פון פ' מצורע שוין כולל אין זיך דער סוג הכי תחתון צווישן אידן - במילא ווען עס קומט צו פ' קרח דאר מען האבן א ביאור פארוואס די פרשה ווערט אנגערופן מיט אזא נאמען, און דאס איז דער ביאור וואס מ'האט דעמאלט מבאר געווען.

בנוגע צו דער סוג הכי עליון צווישן בני אדם אין די פרשיות התורה - איז דאס פ' נח, וואס נח איז געווען "איש צדיק תמים הי'" (נח ו, ט), און ווי רש"י זאגט: "אילו הי' בדור צדיקים הי' צדיק יותר".

**לח.** נאך אן ענין וואס מ'האט ניט מבאר געווען אין יענער התוועדות (ש"פ קרח) - איז בנוגע צו דעם וואס בן זומא זאגט (בפ"א פ"ד מ"א) אז "איזהו חכם הלומד מכל אדם שנאמר מכל מלמדי השכלתי כי עדותיך שיחה לי".

האט מען אויף דערויף געפרעגט (סל"ב ואילך): די ראי' אז "איזהו חכם הלומד מכל אדם" איז נאר פון התחלת הכתוב "מכל מלמדי השכלתי", אז "מכל מלמדי" איז "השכלתי" - פארוואס ברייננגט אבער בן זומא אויך דער סיום הכתוב "כי עדותיך שיחה לי"?

איז דער ביאור אין דעם - ובהקדם:

מ'האט דעמאלט מבאר געווען (ס"נ ואילך) אז דערמיט וואס בן זומא זאגט "איזהו חכם הלומד מכל אדם" קומט ער עפעס מחדש זיין - ווארום מ'קען ניט זאגן אז בן זומא קומט זאלן אין א משנה א זאך וואס איז מובן מעצמו, ובפרט אין פרקי אבות, וואס פרקי אבות איז "מילי דחסידותא".

וואס דער חידוש זיינער איז:

א חכם איז איינער וואס ווייסט יעדער זאך לאמיתתו, און בשעת ער זעט א צווייטן נעמט ער אים דורך בכל עניניו, ווארום אויב ניט, איז ער דאך א שוטה, וויבאלד אז ער ווייסט ניט וואס קומט פאר,

און ער נעמט יענעם דורך ניט בהשקפה ראשונה און במבט ראשון, נאר ער קוקט זיך אריין אין דער פנימיות פון יענעם.

וואס לפי"ז קומט דאך לכאו' אויס, אז א חכם אמיתי קען ניט זיין "הלומד **מכל** אדם" - ווארום ער זעט דאך דער אמיתית פון כל אדם, און עס זיינען דא מענטשן וואס ער זעט אין זיי תכונות וואס מ'קען זיך פון זיי ניט אפלערנען - איז ווי קען ער זיין "הלומד מכל אדם?!

קומט בן זומא און איז **מחדש**, אז אעפ"כ איז "איזהו חכם הלומד מכל אדם".

וואס מ'קען אין דערויף מוסיף זיין, אז "אדם" איז כולל אין זיך (ניט נאר אידן נאר) אויך גוים, און אין א ברייטערן זין איז "איזהו חכם" אזא וואס לערנט זיך (ניט נאר פון "כל אדם", נאר) אויך פון כל דבר ודבר אין וועלט, ביז אויך פון א דומם, ובלשון פון דעם בעש"ט, אז ער נעמט ארויס א הוראה פון יעדער זאך וואס ער זעט אדער הערט, ביז אויך־פון א בלעטל און פון ווי דער ווינט טראגט איר ארום, כידוע דער דוגמא אויף תורת הבעש"ט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

**לס.** וויבאלד אז בן זומא זאגט אין א משנה אז "איזהו חכם הלומד מכל אדם" - איז דאך דאס ניט קיין ענין פון א גזירה, נאר דאס דארף האבן קצת הסברה, ווי מ'זעט אז רובם ככולם פון משניות האבן אין זיך עפעס א הסברה.

דארף מען האבן קצת הסברה ווי איז פארט שייך זאגן אז אן אמת'ער חכם דארף זיין "הלומד מכל אדם", בשעת ער ווייסט די תכונות פון יעדן מענטשן?

דערפאר ברייגנט בן זומא אויך דעם סיום הכתוב "כי עדותיך שיחה לי" אלס א הסברה ווי אפילו אן אמת'ער חכם קען אויך זיין "לומד מכל אדם", "כי" - וויבאלד [וואס איינע פון די ד' פירושים אין "כי" איז - א נתינת טעם] אז "עדותיך שיחה לי".

**מ.** והביאור בזה - ובהקדם:

ס'איז מבואר אין ביאורי הזהר (קלט, א ואילך) און אין די מאמרים פון דעם צ"צ (אוה"ת שמות ע' לט ואילך. נ"ך ע' קפב. ועוד. בהבא לקמן - ראה לקו"ש חי"ט ע' 189 ואילך וש"נ) (פון זהר (ח"ג פו, א)) אז דאס וואס עס שטייט (ישעי' מג, י. שם, יב) "אתם עדי נאום ה'" גייט אויף אידן ("אלין אינון ישראל").

ווארום (ראה גם אוה"ת שופטים ע' תתמז) אידן זיינען עדות אויף סוכ"ע, וואס דער גאנצער ענין פון עדות איז שייך נאר אין סוכ"ע, ווארום סוכ"ע איז א "דבר הנעלם", און עדות איז שייך נאר "על דבר הנסתר ונעלם מעיני הכל" (לקו"ת פקודי ד, סע"א ואילך), משא"כ אויף א "מלתא דעבידא לאגלוי" ועאכו"כ אויף א "דבר הנגלה" דארף מען ניט (און ס'איז ניט שייך) דער ענין פון עדות.

ועי"ד ווי אידן זיינען עדות אויף סוכ"ע - עד"ז איז שאר העולם כולו עדות אויף ממכ"ע [כמבואר אין דרושי פסח אז בא אידן איז דער אמונה אין סוכ"ע, און ביי אוה"ע איז דער אמונה אין ממכ"ע, וואס אמונה איז אויף א דבר הנעלם].

ד.ה. אין פשוט'ע אוהלות:

בשעת מ'גייט ארויס אין וועלט און מ'קוקט זיך ארום, זעט מען ניט נאר אז ס'איז דא איינער וואס האט באשאפן די וועלט מאין ליש, און ניט נאר אז ער איז דער בעה"ב לבירה זו - נאר ער זעט אויך ווי יעדער מענטש, ביז יעדער דומם אין וועלט איז **עדות** אויף דעם אויבערשטן, **"עדותיך** שיחה לי".

**מא.** און וויבאלד אז "עדותיך שיחה לי" - אין יעדער זאך און מענטש אין וועלט זעט ער ווי דאס איז אן עדות אויף דעם אויבערשטן - דערפאר איז ער "לומד **מכל** אדם", אן אויסנאם, וויבאלד אז ער זעט אין יעדן מענטשן ווי ער איז אן עדות אויף דעם אויבערשטן,

ביז אז אפילו אין אזא מענטש וואס האט ניט קיינע מעלות, ע"ד ווי די גמ' (תענית כ, סע"א ואילך) דערציילט בנוע צו ר' אלעזר אז "נזדמן לו אדם אחד שהי' מכוער ביותר" - איז אויך אין אים זעט ער דעם עדות אויף דעם אויבערשטן, ובמילא האט ער וואס צו אפלערנען זיך פון אים.

וואס עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם סיפור מיט ר' אלעזר:

ווען ר' אלעזר האט געטראפן דעם "אדם אחד שהי' מכוער ביותר" האט ער אים געזאגט "ריקה כמה מכוער אותו האיש כו'", האט אים דער איש מכוער געענטפערט: "לך ואמור לאומן שעשאני כמה מכוער כלי זה שעשית".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק:

ס'איז דאך א בפירוש'ער דבר משנה אז בן זומא זאגט אז "איזהו חכם הלומד **מכל** אדם", וואס דאס איז כולל אויך אזא וואס איז "מכוער ביותר", ביז אז תורת אמת זאגט אז עס קען זיין אזא מציאות אז איינער זאל זיין "מכוער ביותר", אן קיינע מעלות, און נאכמער - אז ס'איז טאקע געווען אזוי בפועל - איז אפילו פון אזא דארף מען זיך אפלערנען -

איז פארוואס האט דער "אדם מכוער" געענטפערט "לך ואמור לאומן שעשאני כו'", ער האט אים גאדארפט זאגן אז ס'איז א בפירוש'ער דבר משנה אז "איזהו חכם הלומד מכל אדם", כולל אויך אן איש "מכוער ביותר"?

איז דער ביאור בזה, אז דאס האט ער אים טאקע געזאגט: "לך ואמור לאומן שעשאני כו'" מיינט - פארוואס זעסט דו ניט דער "אומן" וואס איז דא אין מיר, ד.ה. ווי איך בין אן עדות אויף דעם אויבערשטן, וואס דעמאלט וואלסטו געהאט וואס צו זיך אפלערנען פון מיר.

**מב.** וואס דער "אומן" וואס מ'קען זען אין יעדן מענטשן (אויך אין אזא וואס איז "מכוער ביותר"), ד.ה. ווי יעדער מענטש איז אן עדות אויף דעם אויבערשטן (וואס דערפאר דארף זיין "הלומד מכל אדם") - איז פארשטאנדיק בפשטות:

עס שטייט אין ספרי מוסר און אין ספרי חסידות, אז אין יעדן מענטשן זעט מען גלייך דעם בורא וואס האט אים באשאפן - ווארום א מענטש איז מורכב פון ענינים הפכיים ממש, פון די ד' יסודות, אש רוח מים עפר, און ס'איז ניט פארשטאנדיק ווי עס קענען זיך האלטן די ענינים הפכיים צוזאמען אין איין מענטש - איז דאס מכריח אז ס'איז דא א בורא האדם וואס ער טוט דאס אויף.

ועד"ז זעט מען בגלוי אין מענטשן דעם "כח המפליא לעשות" וואס איז מחבר גשמיות מיט רוחניות, דער נשמה מיטן גוף, ווי עס ברייננגט זיך אין שו"ע, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין פשוט ביותר וואס איז שייך לכאו"א, ובפרט אז מ'זאגט עס אויך אין די ערשטע ברכות וואס מ'זאגט איינדערפרי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין יעדן מענטשן קען מען זען דעם "אומן" שבו, ווי ער איז אן עדות אויף דעם אויבערשטן, און דערפאר קען מען זיך פון יעדן מענטשן עפעס אפלערנען.

**מג.** ע"פ המבואר לעיל וועט מען אויך פארשטיין די הוה אמינא פון ר' אלעזר וואס ער האט געזאגט "ריקה כמה מכוער אותו האיש כו'":

ר' אלעזר איז געווען פון די "בני עלי'", וואס דערפאר איז ניט געווען שייך צו זאגן אויף ר' אלעזר אז ער דארף האבן עדות אויף דעם אויבערשטן - ווארום דער גאנצער ענין פון עדות איז נאר שייך זאגן אויף א "דבר הנעלם", משא"כ אויף א "מילתא דעבידא לאגלויי" ועאכו"כ אויף א "דבר הנגלה" איז ניט שייך זאגן דער ענין פון עדות (כנ"ל).

און בא ר' אלעזר איז געווען דער ענין פון אלקות נאכמער ווי א "דבר הנגלה" - ווארום ער איז געווען אין דער עלי', ד.ה. ניט נאר אז ער זעט דער עלי', נאר ער אליין איז דאס - איז דאך ניט שייך זאגן אז ר' אלעזר האט געדארפט האבן אן ענין פון עדות אויפן אויבערשטן.

וואס דערפאר ווען ער איז ארויס אין וועלט און "נזדמן לו אדם אחד שהי' מכוער ביותר" - האט ער אין אים ניט געזען ווי ער איז אן עדות אויפן אויבערשטן, במילא האט ער נאר געזען אז דאס איז אן אדם מכוער - האט ער געזאגט "ריקה כמה מכוער אותו האיש כו'".

**מד.** די כוונה איז אבער אז די וועלט זאל זיין א דירה לו ית', וואס דערפאר האט ר' אלעזר געדארפט ארויסגיין פון מערה אין וועלט, און דארטן גופא איז געווען "ר"א מחי ור"ש מסי", וואס דאס באווייזט אז מ'דארף ניט שולל זיין וועלט, נאר מ'דארף דארטן מאכן א דירה לו ית', מיט די שאר הפרטים וואס זיינען געווען בשעת ר' אלעזר (און ר' שמעון) איז ארויס פון מערה.

וואס דערפאר האט דערנאך ר' אלעזר חרטה געהאט דערפון וואס ער האט געזאגט "ריקה כמה מכוער אותו האיש כו'", ווי די גמ' דערציילט ווייטער, אז נאכדעם וואס דער אדם מכוער האט אים געזאגט "לך ואמור לאומן שעשאני כו'", איז ר' אלעזר "כיון שידע בעצמו שחטא ירד מן החמור ונשתטח לפניו ואמר לו נעניתי לך מחול לי כו'", ביז אז ר' אלעזר האט דערנאך געביטן זיין אופן ההנהגה, ווי די גמ' דערציילט.

ווארום ווי באלד אז עס דארף זיין א דירה לו ית' בתחתונים - דארף מען אין יעדער זאך אין וועלט זען ווי דאס איז אן עדות אויף דעם אויבערשטן, "עדותיך שיחה לי", דער "אומן" וואס איז דא אין יעדער זאך אין וועלט, און במילא איז דעמאלט לערנט אפ דער מענטש פון יעדער זאך וואס ער זעט, "הלומד מכל אדם", ביז אויך פון דעם סוג הדומם, ווי גערעדט פריער דעם תורת הבעש"ט.

**מה.** און בכדי אז עס זאל זיין "הלומד מכל אדם", פון יעדער מענטש אן אויסנאם - מוז זיין "עדותיך שיחה לי":

אויב ער לערנט נאר אפ איין סוגיא, און דערנאך גייט ער ארויס אין וועלט און ער דערזעט א דבר מכוער - איז לאו דוקא אז דער דבר מכוער איז פון דער סוגיא וואס ער האט געלערנט, עס קען זיין אז דער דבר מכוער איז גאר פון אן אנדער סוגיא, במילא זעט ער אין אים ניט קיין "עדותיך", במילא לערנט ער זיך ניט אפ פון דעם זאך;

משא"כ אבער אויב ס'איז "עדותיך שיחה לי" - אז "עדותיך" ווערט זיין דיבור, אז וואו ער גייט נאר איז דאס "שיחה לי" - איז דעמאלט וואס פאר א זאך ער וועט נאר טרעפן וועט ער זען אין דעם ווי דאס איז "עדותיך", ובמילא וועט ער זיך פון

דעם אפלערנען, וואס דעמאלט איז ער א "חכם הלומד מכל אדם", און פון יעדער זאך אין וועלט.

**מו.** נאך אן ענין וואס מ'האט ניט מבאר געווען אין א פריערדיקע התוועדות (ש"פ חוקת) איז - אין די הערות פון לקוטי לוי"צ אויפן זהר אין ריש פ' חוקת.

וואס אין זהר שטייט אז ר' פנחס בן יאיר האט געבעטן אז מ'זאל זאגן א "מלה חדתא" אין דעם ענין פון פרה אדומה.

האט מען אויף דערויף געפרעגט: פארוואס האט ער געבעטן א "מלה **חדתא**" דוקא?

איז דער נקודת הביאור בזה - אז דער גאנצער ענין פון פרה אדומה איז א דבר חידוש:

דער פרה איז דאך ענינה גבורות, ועד"ז דאס וואס זי איז א פרה **אדומה** - איז אויך דער ענין הגבורות, ובפרט אז אין א פרה אדומה דארף זיין אדמומיות בשלימות.

אויך די עבודה וואס מ'טוט מיט די פרה - שריפת הפרה - איז דער ענין הגבורות, ובפרט אז שריפת הפרה דארף זיין אין אופן וואס "שלאחז אש ברובו ככולו".

און פון דער ענין הגבורות בתכלית, נעמט מען דער אפר הפרה וואס איז געבליבן פון שריפת הפרה, וואס דאס איז אן ענין תחתון - און מ'מישט דאס צוזאמען מיט "מים חיים".

און דערפון ווערט תכלית ענין החסד - אז דאס איז מטהר פון טומאה, און ניט פון סתם טומאה, נאר פון טומאת מת, אבי אבות הטומאה.

וואס דער חידוש אין דעם איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס ווען משה האט געהערט וועגן טומאת מת האט ער געפרעגט בא דעם אויבערשטן "אם נטמא זה במה תהא טהרתו, לא השיבו, באותה שעה נתכרכמו פניו של משה", ביז אז אפילו ווען דער אויבערשטער האט אים געזאגט אז טהרתו איז דורך דער פרה אדומה, האט משה געפרעגט בא דעם אויבערשטן "וכי טהרה היא".

און וויבאלד אז דער עצם ענין פון דער פרה אדומה איז א דבר חידוש - דערפאר ווען רפב"י האט געבעטן אז מ'זאל זאגן אן ענין וועגן פרה אדומה - האט ער אויך געבעטן א "מלה **חדתא**".

**מז.** אין דער רשימה וואס איז אפגעדרוקט געווארן דער וואך (לקו"ש השבועי - פ' בלק) איז מבואר (בסעיף טו, טז) דער שלימות (און יתרון) פון מלך המשיח, משיח האחרון לגבי משיח הראשון אין דריי פון די פסוקים וואס דער רמב"ם ברענגט אין הל' מלכים (פי"א ה"א): דער שלימות (און יתרון) פון "וקם שבט מישראל" לגבי "דרך כוכב מיעקב" [וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט די מעלה פון "וקם" לגבי "דרך"], ועד"ז די אנדערע צוויי פסוקים כמבואר שם.

מאיזה סיבה פעלט דארטן אבער דער ביאור אין דער שלימות (און יתרון) פון מלך המשיח, משיח האחרון לגבי משיח הראשון ווי דאס איז אין דעם ערשטן פסוק וואס דער רמב"ם ברענגט: "אראנו ולא עתה - זה דוד, אשורנו ולא קרוב - זה מלך המשיח".

איז דער ביאור בזה:

אויף דוד'ן שטייט "לא עתה", וואס דאס מיינט אז משיח הראשון, דוד, וועט טאקע ניט קומען איצטער (בזמן הנבואה), אבער א ווייליקע שפעטער, אין א טאג, אין א זמן קרוב - וועט ער יע קומען;

משא"כ אויף משיח'ן שטייט "לא קרוב", וואס דאס מיינט אז ער וועט אויך ניט קומען אין א זמן קרוב, נאר ער וועט קומען א סאך שפעטער.

וואס דער טעם לזה איז - בכדי אז אין דעם ריבוי זמן ביז משיח וועט קומען זאל קענען צוקומען א ריבוי תומ"צ.

וואס ס'איז מובן דער עילוי בזה.

דאס איז אבער געווען נאר אמאל אין צייט פון בלעם'ן, ווען ער האט געזאגט "אראנו ולא עתה אשורנו ולא קרוב" -

אבער איצטער איז דאך "כבר כלו כל הקיצין" - דארף שוין קומען משיח צדקנו "קרוב" און "עתה", בקרוב ממש, ובפועל ממש, בגאולה האמיתית והשלימה.

* * *

**מח.** מאמר (כעין שיחה) ד"ה ברוך הגומל כו'.

* * *

**מט.** ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען פסוק מיט פרש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו, און אויך א משנה אין פרקי אבות פון דעם שבת.

אין פרשתנו זיינען דא כמה פירושי רש"י וואס זיינען תמוהות - וועט מען זיך אפשטעלן אויף איינע פון זיי.

אין קאפיטל כ"ב פסוק י"א שטעלט זיך רש"י אויף כמה (צוויי) שינויים וואס בלעם האט געמאכט (בשעת ער האט גערעדט מיטן אויבערשטן) אין דעם לשון וואס ער האט געהערט פון בלק'ן:

בלק האט געזאגט (פרשתנו כב, ו) "**ארה** לי (את העם הזה)", און בלעם האט משנה געווען און געזאגט "**קבה** לי",

זאגט רש"י: "קבה לי - זו קשה מארה לי שהוא נוקב ומפרש".

בלק האט געזאגט "ואגרשנו מן הארץ", און בלעם האט משנה געווען און געזאגט "וגרשתיו" (סתם).

זאגט רש"י: "וגרשתיו - מן העולם, ובלק לא אמר אלא ואגרשנו מן הארץ, איני מבקש אלא להסיעם מעלי, ובלעם הי' שונאם יותר מבלק".

דארף מען פארשטיין - עס זיינען דא נאך שינויים וואס בלעם האט געמאכט פון לשון בלק, און רש"י שטעלט זיך בכלל ניט אויף זיי:

בלק האט געזאגט (שם, ה) "הנה עם יצא ממצרים", און בלעם האט געזאגט "הנה העם **היוצא** ממצרים"; בלק האט געזאגט "הנה כסה את עין הארץ", און בלעם האט געזאגט "ויכס את עין הארץ"; בלק האט געזאגט "**ועתה** לכה", און בלעם האט געזאגט "עתה לכה" (נתבאר בשיחת ש"פ דברים, ש"פ חזון); בלק האט געזאגט "אולי אוכל נכה בו", און בלעם האט געזאגט "אולי אוכל להלחם בו", מיט נאך שינויים.

און מ'קען נ‌יט זאגן אז די שינוים זיינען שינויים קלים, משא"כ די שינויים וואס רש"י ברענגט זיינען גרויסע שינויים - ווארום דער שינוי פון "אולי אוכל נכה בו" מיט "אולי אוכל להלחם בו" איז א שינוי גדול, און אעפ"כ שטעלט זיך ניט רש"י אויף דעם.

די קשיא ווערט נאך גרעסער:

דער אור החיים הקדוש שטעלט זיך אויף די אלע אויבנדערמאנטע שינויים, און ער איז זיי מבאר, און אעפ"כ איז רש"י, וואס ער איז דאך דער נעענטסטער צו פשוטו של מקרא, האט ער לכאו' געדארפט זיין דער ערשטער וואס זאל זיך שטעלן אויף די אלע שינויים - שטעלט זיך אויף זיי ניט!

נאכמער: ס'איז דא נאך א שינוי וואס אויף אים שטעלט זיך דער אוה"ח אויך ניט: בלק האט געזאגט א טעם לדבריו פארוואס ער וויל אז עס זאל זיין "ארה לי את העם הזה": "הנה עם יצא ממצרים הנה כסה את עין הארץ **והוא יושב ממולי**", [און ווי רש"י טייטשט אפ: "קרובים הם להכריתני כמו כי אמילם"],

און בשעת בלעם האט איבערגעזאגט די רייד פון בלק - האט ער משמיט געווען די ווערטער "והוא יושב ממולי"!

וואס א השמטה איז נאכמער ווי א שינוי - ווארום בשעת מ'איז משנה בלייבט עכ"פ אן ענין, נאר מיט א שינוי התוכן; אבער בשעת מ'איז משמיט אן ענין - בלייבט בכלל ניט דער ענין וואס יענער האט געזאגט.

וואס די אלע ענינים בנוגע צו פרש"י דארפן זיין פארשטאנדיק צו א בן חמש למקרא: אדער דורך דעם וואס ער פארשטייט עס אליין, אדער דורך דעם וואס ער פארשטייט עס פון א רש"י במקום אחר.

וכפי שיתבאר לקמן.

ב. אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' תיד ואילך) אויף דעם וואס עס ווערט דערציילט אין זהר (ח"ג רד, ב ואילך), אז ר' יוסי דפקיעין איז "אסתלק מעלמא דין", און דורך דערויף וואס בנו הקטן, א "ינוקא", האט געוויינט און געבעטן רחמים - איז ביי ר' יוסי דפקיעין געווען תחיית המתים (ווי דער לשון איז אין זהר).

און ער איז ממשיך אין זהר (רה, א) אז דעמאלט זיינען אויך געטראפן אנדערע נסים, וואס נאר ר' אלעזר האט זיי געזען, און ר' אלעזר האט געזאגט צו די וואס זיינען געווען בשעת מעשה (בשעת ס'איז געטראפן תחה"מ פון ר' יוסי דפקיעין און אויך די שאר הנסים) - אז "לא אתיהיבת לי רשות לגלאה מההוא דחמינא בההוא עלמא אלא לבתר תריסר שנין".

איז דער טאטע מבאר אין די הערות: "מה שאמר ר' יוסי שלא ניתן לו רשות לגלות ממה שראה בההוא עלמא אלא אחר י"ב שנה דוקא, היינו כי ההוא עלמא הוא בינה שהוא בחי' עולם הבא [עלמא דאתכסיא], ועולם הזה שהוא עלמא דאתגליא הוא מל'".

און "בכדי שיגלה מה שראה בההוא דעלמא דבינה בעולם הזה דמל' צריך להמתין י"ב שנה בכדי שיומשך מבינה למל' כי ההמשכה מבינה, ה' ראשונה שבשם, למל', ה' אחרונה שבשם, הוא ע"י אות ו' שביניהם, ו' הוא ת"ת הנק' בריח התיכון המבריח מן הקצה דבינה אל הקצה דמל', ות"ת הוא ו' הפשוט, ויסוד הוא ו' המלוי דת"ת הממשיך ג"כ מבינה למל' [אין אנדערע ווערטער: בכדי צו ממשיך זיין פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא, דארף מען דורכגיין אלע עשר ספירות, וואס עיקרם זיינען ספירת הת"ת און ספירת היסוד, וואס זיי זיינען ביידע בחי' וא"ו]... זהו המספר די"ב שנה לבגד התריך וואוויין דת"ת ויסוד דז"א (שז"א הוא בחי' שנה בכלל...) שבמשך

הל"ב שנים הללו דת"ת ויסוד יומשך מבינה דרך ת"ת ויסוד, ואז יתגלה זה בעולם הזה דמל'".

און דערנאך איז ער ממשיך מבאר זיין אין דער הערה, אז "מה שאסור לו לגלות עד אחר ל"ב שנה, י"ל הוא הסודות ורזין עליונים ושארי דברים שראה (ר' אלעזר) שם", משא"כ אבער די אנדערע ענינים וואס זיינען דארטן געטראפן "מותר לו לגלות, כי זה שייך להנס שנעשה לו, תחיית המתים, ומותר לגלות זה לר' אלעזר וחבריו שהם זכאי קשוט, שנעשה הנס לעיניהם".

ע"כ דער ביאור אין דער הערה.

אין דערויף איז דא א געשמאקער ענין, וכפי שיתבאר לקמן.

**בא.** פון דעם זהר און דער ביאור אויפן זהר אין דער הערה - האט מען אויך א לימוד מיוחד בקשר מיט י"ב-י"ג תמוז:

כידוע אז דער מאסר וגאולה פון י"ב-י"ג תמוז האט געהאט א שייכות מיוחדת מיט "מפי עוללים ויונקים גו'".

וואס דאס איז מדגיש אויף וויפיל מ'דארף זיך משתדל זיין אין די פעולות מיט עוללים ויונקים, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך.

ועד"ז אין דעם סיפור אין זהר איז מודגש די כח פון קליינע קינדער דוקא - וואס א קליינער אינגעלע, א "ינוקא" צוזאמען מיט זיין קליינע שוועסטער, ווי דער זהר דערציילט אז בשעת דער קליינער אינגעלע האט געוויינט און געבעטן רחמים פאר זיין פאטער, האט ער געזאגט "אנא ואחתי זעירתא מנאי" - האט גע'פועל'ט אז בא זיין פאטער זאל זיין דער ענין פון תחה"מ כפשוטו.

וואס דערפון האט מען די הוראה בנוגע צו דעם ענין אין וועלכע מ'קאכט זיך, אז עס דארף זיין "והשיב לב אבות על בנים - "ע"י בנים".

וואס דאס מיינט - אז בשעת די "אבות" זיינען ניט מקיים א מצוה, אדער נאך ערגער דערפון, ביז אז זיי זיינען אין א דרגא פון רשעים וואס "נקראים בחייהם מתים" - קומען די בנים און בנות, די קליינע אינגעלעך און מיידעלעך, און זיינען משיב "לב אבות", וואס דורך דעם טוען זיי אויף דער ענין פון תחה"מ בא די "אבות".

און דערנאך זיינען די קליינע אינגעלעך און קליינע מיידעלעך ממשיך אז במשך כל השנים זאל כסדר נמשך ווערן נסים.

וואס ע"פ דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר איז פארשטאנדיק אז דער פירוש אין זהר איז ניט אז די נסים זיינען ערשט געווארן ל"ב שנים לאחרי הסיפור מיט דעם "ינוקא" - נאר אז די ל"ב נסים זיינען גלייך געווען, און במשך די ל"ב, שנים בכל שנה ושנה נאכמער נמשך געווארן פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא דורך די ספירות פון בינה ביז מלכות.

און די המשכה פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא איז אויפגעטאן געווארן דורך א קליין קינד, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "חייב אדם לברך מאה ברכות בכל יום", וואס דער ענין הברכות איז "ברוך ה' מן העולם עד העולם" - ממשיך זיין פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא.

און דערפון האט מען די הוראה בנוגע צו קינדער בכל הזמנים, ביז אויך בזמננו זה.

זבנוסף לזה איז דא נאך א הוראה פון דעם זהר מיט דער ביאור אין דער הערה, כנ"ל, וכפי שיתבאר לקמן נאך דעם וואס מ'וועט פארענטפערן פירוש רש"י.

**נב.** אין פרקי אבות לערנט מען דעם שבת פרק ששי, וואס ווערט אנגערופן "קנין תורה".

אין דעם פרק איז דא די משנה (מ"ב) וועגן וועלכע מ'האט פריער גערעדט (בהמאמר), "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה (אדער "בתלמוד תורה")".

וואס מ'האט גערעדט אז דער פירוש אין דעם איז - אז לימוד התורה פועל'ט אז אויך דער גוף זאל ניט זיין אין גלות.

וואס דער הכרח אויף דערויף איז: אויב מ'וועט זאגן אז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה" רעדט זיך נאר וועגן די נשמה - איז אינגאנצען ניט פארשטאנדיק דער ווארט פון דעם בעל המאסר והגאולה, אז "אונזערע נשמות האט מען אין גלות ניט פארטריבן", וואס דאס איז דאך כולל אין זיך אויך איינער וואס איז ניט עוסק בתורה, אויב ער האט נאר א נשמה - איז זיין נשמה ניט געגאנגען אין גלות.

וואס דערפאר איז מוכרח צו זאגן אז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה" קומט מוסיף זיין און אויפטאן, אז לימוד התורה פועל'ט אז אויך זיין **גוף** זאל ניט זיין אין גלות, וויבאלד אז "שטרי קודם".

און ווי עס שטייט אין ירושלמי עה"פ "לא-ל גומר עלי", אז תורה האט דעם כח צו פועל'ן אויך אויף א גוף גשמי, אז עס זאל זיין "בתולי' חוזרין".

און דער ענין פון "בן חורין" אויך בגופו ווערט אויפגעטאן דוקא דורך דערויף וואס ער איז "**עוסק** בתורה", וואס דאס מיינט אז ניט ער לערנט תורה נאר צו יוצא זיין, נאר ער איז "**עוסק** בתורה", ער לערנט תורה ווי ס'איז זיין אייגענער עסק.

ועד"ז האט מען די הוראה בנוגע צו שאר הענינים, אז זיי דארפן געטאן ווערן אין אן אופן פון "עוסק":

בשעת מ'גייט ארויס טאן אין מבצעים, ווי דער בעל המאסר והגאולה האט אנגעזאגט, גייט מען ניט נאר אויף ח"י מינוט - נאר מ'איז זיך **עוסק** אין די מבצעים ווי ס'איז אן אייגענער עסק.

ועד"ז אין אלע אנדערע ענינים.

**נג.** אין דער משנה אחרונה פון פרק ששי אין פרקי אבות שטייט: "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו שנאמר כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו, ואומר ה' ימלוך לעולם ועד".

לויט כמה גירסאות איז די משנה ניט קיין משנה בפ"ע, נאר א המשך צו די משנה שלפני'; אבער דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט בסידורו דער משנה אלס א משנה בפ"ע.

דארף מען פארשטיין:

אלע משנות, אן אויסנאם, אין פרק ששי פון פרקי אבות, אין "קנין **תורה**" - רעדן וועגן תורה, כמבואר אויך אין מפרשים [און אפילו די משנה פאר די לעצטע, וואס רעדט וועגן "חמשה קנינים קנה הקב"ה בעולמו" - איז איינע פון די חמשה קנינים "קנין תורה"].

ווען עס קומט אבער צו דער לעצטער משנה אין דעם פרק, דער סיום וחותם הפרק - רעדט זיך דאס בכלל ניט וועגן תורה?!

לפי די גירסאות אז דער משנה אחרונה איז ניט קיין משנה בפ"ע, נאר זי קומט בהמשך צו די משנה שלפני' - איז דאס קיין שאלה ניט, ווארום לפי"ז קומט "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו כו'" בהמשך צו דעם וואס ס'שטייט פריער וועגן די חמשה קנינים, וואס איינער פון זיי איז תורה.

ווי מפרשים לערנען, אז נאכדעם וואס די משנה זאגט אז "חמשה קנינים קנה הקב"ה בעולמו" - ווערט די שאלה מ'זעט דאך א סאך מערער ענינים אין וועלט ווי חמשה קנינים?

צוליב דערויף איז דער משנה ממשיך, אז די ריבוי ענינים וואס מ'זעט אין וועלט איז "לא בראו אלא לכבודו".

וואס לפי"ז איז פארשטאנדיק אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו כו'" האט אויך א שייכות מיט דער ענין התורה, דערמיט וואס דאס קומט בהמשך צו די חמשה קנינים וואס איינע פון זיי איז "קנין תורה".

אבער לפי דער גירסא וואס דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט בסידורו, אז די משנה "כל מה שברא כו'" איז א משנה בפ"ע - האט די משנה לכאו' קיין שייכות ניט מיט דער ענין התורה, ווי די אלע אנדערע משנות אין דעם פרק.

מ'קען ניט זאגן אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו" איז כולל אין זיך אויך תורה - ווארום תורה האט דער אויבערשטער ניט באשאפן בעולמו, תורה איז העכער פאר וועלט, "קדמה לעולם".

ד.ה. אפילו ווי תורה האט א שייכות מיט זמן און מיט עולם - איז "אלפיים שנה קדמה תורה לעולם", עאכו"כ ווי תורה איז אין עצמות.

נוסף לזה דארף מען אויך פארשטיין: וואס איז דער ענין פון "מילי דחסידותא" אין דער משנה?

נד. פון דעם משנה "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו" האט מען אן ענטפער צו די וואס טענה'ן קעגן דעם וואס מ'וויל אויסנוצן, און מ'נוצט אויס אלע ענינים העולם פאר תומ"צ.

ווי לדוגמא - דער ענין פון "רדיא", וואס מ'נוצט דאס אויס אויף הפצת התורה,

קומען זיי מיט טענות אז "לא שערום אבותיכם" (ל' הכ' האזינו לב, יז): מיט דורות לפני"ז איז געווען דער ענין התורה, מיט שיעורים, און תלמידים וכו' - און ס'איז ניט געווען דער ענין פון רדיא וכיו"ב, און אעפ"כ איז געווען תורה בשלימות, מיט שיעורים, מיט תלמידים וכו'!

ועד"ז טענה'ן זיי בנוגע צו דעם וואס אין די לעצטע דורות האט מען געמאכט בתי ספר פאר בנות ישראל - אז ס'איז קיינמאל ניט געווען אזא זאך, ווארום עס דארף זיין "כל כבודה בת מלך פנימה", און בשעת זי דארף גיין צום בית ספר דארף זי ארויסגיין אין גאס און דורך גיין א רשות הרבים, און ווער ווייס וואס וועט דארטן זיין, איז דאס היפך פון "כל כבודה בת מלך פנימה", ועד"ז בשעת זי גייט אהיים פון בית ספר,

און בשעת מ'האט געוואלט געבן א שיעור אין מוסר צו די מיידלעך - פלעגט מען דאס טאן אין בית, בכדי אז עס זאל זיין "כל כבודה בת מלך פנימה"

איז וואס איז מיט אמאל נתחדש געווארן אז בנות ישראל זאלן גיין אין בית ספר?!

**נה.** און וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה וכו'" - קומט מען פון די טענות צו די טענות אויף דעם וואס דער בעש"ט זאגט בשם פון משיח'ן, אז "כשיפוצו מעינותיך חוצה" וועט זיין "קאתי מר" "דא מלכא משיחא" -

און אויך פאר התגלות הבעש"ט און לידת הבעש"ט, פאר דעם וואס ס'איז געווען דער גאנצער ענין פון "מעינותיך" - זאגט די גמ' אז "כבר כלו כל הקצין" און משיח דארף קומען, וואס די גמ' איז געזאגט געווארן מיט 1500 יאר איידער דעם וואס דער בעש"ט איז אפילו געבארן געווארן!

ועד"ז זאגט די גמ' אז "ביקש לעשות חזקי' משיח", און אויך, אז יעדער תלמיד האט געזאגט אז שמו של משיח וועט זיין ווי שמו של רבו,

און נאך פאר דעם בעש"ט זיינען געווען תלמידי חכמים און יראי שמים, גדולים און ישיבות און תורה וכו', און מ'האט דעמאלט אויך געזאגט (אדער געטראכט) "אני מאמין", און "אחכה לו בכל יום שיבוא" אין די י"ג עיקרים -

איז ווי קען דער בעש"ט זאגן אז "לכשיפוצו מעינותיך חוצה" וועט ערשט דעמאלט זיין "קאתי מר" דא מלכא משיחא?!

און מ'זאגט אז פון דער זמן האריז"ל איז געווארן "מצוה לגלות זאת החכמה", און דערנאך איז געקומען דער בעש"ט און האט געזאגט אז עס דארף זיין "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס די מעינות זיינען תורת הבעש"ט, און דערנאך איז מען מוסיף אז עס דארף זיין אין אן אופן פון "יתפרנסון", וואס דאס איז דוקא דורך תורת חסידות חב"ד.

וואס לכאו' - ווי קען מען אלץ זאגן, בשעת נאך איידער דער אריז"ל זיינען געווען תלמידי חכמים מיט יראי שמים וכו', כנ"ל?!

און די טענה איז פארבונדן מיט די אנדערע טענות האמורות לעיל - ווי קען מען נוצן רדיא פאר הפצת התורה, און ווי קען מען שיקן מיידלעך אין בתי ספר.

ועד"ז וואס איז דא פאר אן ענין צו ארייינלייגען אין צייטונגען וועגן תפילין און מזוזות וכיו"ב - בשעת זיין זיידע האט געלייגט תפילין וכו' אן צייטונגען, ביז - אז ס'איז געווען א זמן וואס דער גאנצער ענין פון צייטונגען איז ניט געווען במציאות?!

מיט נאך כו"כ טענות אויף דעם וואס מ'נוצט אויס ענינים בעולם אויף הפצת התורה און הפצת היהדות.

**נו.** האט מען אויף דערויף דער ענטפער און דער הוראה פון דער משנה האחרונה אין פרקי אבות - "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו":

יעדער זאך וואס דער אויבערשטער האט באשאפן אין וועלט, וואס דאס גלויבט דאך יעדער איינער אז דער אויבערשטער האט באשאפן יעדער זאך וואס איז דא אין וועלט - האט ער דאס באשאפן נאר צוליב איין צוועק - "לכבודו", אז דערפון זאל ארויסקומען כבוד לה'.

און דאס איז לעיכובא - ווארום מ'זאגט ניט "כל מה שברא הקב"ה בעולמו בראו לכבודו", נאר מ'זאגט "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא אלא לכבודו", וואס "לא..אלא" איז דאך לעיכובא.

ד.ה. אז בשעת מ'גייט ארויס אין וועלט און מ'זעט דארטן א זאך, לדוגמא - א רדיא, גלויבט דאך זיכער יעדער איד אז דאס איז באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן.

נאר ווייבאלד אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז אלע ענינים זאלן דורכגיין דורך לבושי הטבע - דערפאר האט ער געמאכט אז א איד און צוזאמען מיט אים א ניט איד זאלן מגלה זיין דער ענין פון רדיא אין וועלט,

און ווייבאלד אז דאס איז א בריאה פון הקב"ה בעולמו - איז דאס "לא בראו אלא לכבודו" - במילא דארף א איד דאס אויסנוצן פאר ברייגנען כבוד צו דעם אויבערשטן.

וואס דאס טוט ער דורך דערויף וואס ער נוצט אויס דער רדיא אויף הפצת התורה און אויף שאר עניני תורה ומצוותי'.

**נז.** ועד"ז איז א כלל בנוגע צו יעדער זאך אין וועלט, אז יעדער זאך איז באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן, ניט בכדי אז מ'זאל פרעגן קשיות, פארוואס איז די זאך באשאפן געווארן, פארוואס איז יענע זאך באשאפן געווארן, ווי דוד האט געפרעגט בנוגע צו פרשים וזבובים [און דערנאך האט אים דער אויבערשטער באוויזן ווי זיי זיינען אים מציל] - נאר בכדי אז מ'זאל דאס אויסנוצן לכבודו פון דעם אויבערשטן, דורך מקיים זיין דורך די זאך א מצוה אדער אן אנדער דבר טוב, וכתורת הבעש"ט, אז יעדער זאך וואס א מענטש זעט אדער הערט דארף ער אויסנוצן אין עבודת ה'.

און דאס רעדט זיך ניט נאר בנוגע צו אן ענין בדוגמא ווי עור הבהמה, אז דאס איז באשאפן געווארן בכדי מ'זאל דערפון מאכן תפילין - נאר "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו", בכדי מ'זאל דאס אויסנוצן לכבודו פון דעם אויבערשטן.

וואס דאס איז כולל אין זיך אויך אוה"ע, אז אפילו אן ענין וואס איז דא ביי אוה"ע, דארף מען אויך אויסנוצן לכבוד דעם אויבערשטן - ווארום אויך אוה"ע זיינען נבראים פון דעם אויבערשטן, ווי עס גלויבט יעדער איד [ס'איז מערניט וואס זיי זיינען באשאפן געווארן דורך א גאנצער השתלשלות פון מסכים און פרסאות, מיט די אלע ביאורים בזה - אבער אויך זיי זיינען נבראים פון דעם אויבערשטן], ובמילא דארף מען אויך אויסנוצן אן ענין וואס געפינט זיך בא זיי לכבוד דעם אויבערשטן.

**נח.** און טאמער א איד גייט ארויס אין וועלט און זעט ניט אין א זאך וואס דער אויבערשטער האט באשאפן ווי מ'קען דאס אויסנוצן לכבוד דעם אויבערשטן - איז דאס ניט דערפאר וואס דער זאך קען מען ניט נוצן לכבוד דעם אויבערשטן, ווארום די משנה זאגט בפירוש - "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא אלא לכבודו" -

נאר דאס איז דערפאר וואס "ריק הוא מכם", אז ס'איז "ריק" דערפאר וואס דאס איז "מכם": ווייבאלד אז ביי אים פעלט בעבודתו צו אויסנוצן דער זאך לכבוד דעם אויבערשטן - דערפאר זעט מען ניט ווי דער זאך איז "לא בראו אלא לכבודו".

ד.ה. אז ער נוצט אויס א זאך אין וועלט צוליב דברי רשות, אדער צוליב דברים של מה בכך, און דברי בזיון, און ניט צוליב דעם כבוד פון דעם אויבערשטן.

וואס דאס איז ע"ד ווי איינער נעמט א מתנה פון אבנים טובות ומרגליות וואס דער מלך האט אים געגעבן און נוצט דאס אויס אויף אן ענין וואס איז ווערט א פרוטה של נחושת, ד.ה. אויף אן ענין של רשות אדער אן ענין של מה-בכך.

וואס דאס איז די גרעסטע בזיון פאר דעם מלך, אז מ'נוצט אויס א מתנה חשובה וואס ער האט אפגעגעבן פאר א דבר טפל און א דבר בלתי חשוב.

ועד"ז בנוגע צו דעם אויבערשטן:

דער אויבערשטער האט באשאפן א וועלט און אלע זאכן וואס געפינען זיך אין דער וועלט, און ער האט עס באשאפן לכבודו, "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו", ד.ה. אז א איד זאל דאס אויסנוצן לכבוד דעם אויבערשטן,

איז דאך פארשטאנדיק וואס פאר א בזיון דאס איז בשעת א איד נעמט אפילו איין זאך אין וועלט און נוצט עס אויס ניט לכבוד דעם אויבערשטן, נאר אויף דברי רשות אדער נאך ערגער - אויף דברים של מה-בכך ובזיון.

וע"ד ווי דער סיפור פון איוב מיט דער שטיקעל פון א כלי חרס.

און דערפון איז פארשטאנדיק לאידך גיסא - וואס פאר א כבוד דאס איז פאר דעם אויבערשטן בשעת מ'נוצט אויס די זאכן וואס ער האט באשאפן אין וועלט לכבודו.

וואס דאס איז אן עבודה וואס איז שייך צו יעדן אידן - ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו" שטייט אין א סתם משנה (ברייתא), אן דעם נאמען פון דעם מאן דאמר וואס האט עס געזאגט.

און ס'איז אויך פארשטאנדיק די חשיבות פון דעם ענין - דערפון וואס מ'האט עס ארייגעשטעלט אין דעם סיום וחותם פון גאנץ פרקי אבות,

און דאס פארבינדט עס אויך מיט דעם וואס עס שטייט בהתחלת פרקי אבות - "משה קבל תורה מסיני".

וואס מכל זה איז פארשטאנדיק אויף וויפל מ'דארף זיך משתדל זיין צו אויסנוצן יעדער זאך אין וועלט לכבוד דעם אויבערשטן, ובנוסח פון די מאמרים - לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

ביז אז מ'קומט צו לע"ל, וואס דעמאלט וועט נתגלה ווערן בפועל ווי ס'איז "ה' ימלוך לעולם ועד".

* * *

**ס.** דער ביאור אין פירוש רש"י - ובהקדם:

מ'קען ניט זאגן אז לויט שיטת רש"י ווערן נתבאר די אלע שינויים וואס בלעם האט געמאכט (וואס רש"י איז ניט מבאר) ע"פ דעם ביאור פון דעם אוה"ח (וואס ער איז מבאר די אלע שינויים) - ווארום דער ביאור פון אוה"ח איז פונקט פארקערט פון דעם ביאור אין רש"י:

דער אוה"ח איז מבאר אלע שינויים ע"פ היסוד אז בלעם האט **ווייניקער** פיינט געהאט די אידן ווי בלק האט זיי פיינט געהאט; משא"כ רש"י זאגט אז "בלעם הי' שונאם **יותר** מבלק".

און דער כלל וואס רש"י גיט ארויס צו דעם בן חמש למקרא, אז "בלעם הי' שונאם יותר מבלק" - איז דער "שליסעל" צו פארשטיין די אלע שינויים וואס בלעם האט געמאכט,

וואס דערפאר דארף רש"י גארניט מפרש זיין בנוגע צו רוב השינויים וואס בלעם האט געמאכט - ווארום נאך דערויף וואס דער בן חמש למקרא וועט וויסן דער כלל אז "בלעם הי' שונאם יותר מבלק", וועט ער שוין אליין פארשטיין פארוואס בלעם האט משנה געווען דברי בלק.

בשעת עס קומט אבער צו די צוויי שינויים פון "ארה לי" און "קבה לי", און פון "ואגרשנו מן הארץ" און "וגרשתיו" - האלט רש"י אז ס'איז [איז בא רש"י][?] א ספק צי דער בן חמש למקרא וועט זיך כאפן אויף דער טעם השינוי, אדער רש"י ווייסט אז ער וועט זיך זיכער ניט כאפן אויף דעם - דערפאר איז רש"י מפרש דעם טעם השינוי.

**סא.** דער ביאור אין די אלע שינויים וואס בלעם האט געמאכט, וואס דער בן חמש למקרא וועט זיך אויף דעם אליין כאפן (ע"פ דעם כלל אז "בלעם הי' שונאם יותר מבלק") - אנהויבנדיק על הסדר:

דער לשון "הנה עם יצא ממצרים הנה כסה את עין הארץ" (ווי בלק האט געזאגט) מיינט, אז די צוויי זאכן - "יצא ממצרים" און "כסה את עין הארץ" - זיינען אין צוויי באזונדערע צייטן: פריער איז "עם יצא ממצרים" ("יצא" לשון עבר), און איצטער (בעת דברי בלק), מיט 39 יאר שפעטער (נאך דעם ווי "יצא ממצרים"), איז "כסה את עין הארץ".

משא"כ דער לשון "הנה העם היוצא ממצרים ויכס את עין הארץ" (ווי בלעם האט געזאגט) - "ויכס גו'" בהמשך אחד מיט "היוצא ממצרים" (לשון הוה) - מיינט, אז דער "ויכס את עין הארץ" האט זיך אנגעהויבן באלד ביים ארויסגיין פון מצרים. די יציאה ממצרים איז מלכתחילה אין דעם אופן און מיט דער כוונה אויף "ויכס את עין הארץ", אויף איינעמען די וועלט.

און היות אז דער לשון "הנה העם היוצא ממצרים ויכס את עין הארץ" ווייזט מער אויף וויפל דער עם איז געפערליך - דערפאר האט בלעם משנה געווען פון דברי בלק און ארויסגעקליבן דוקא דעם לשון, ווייל "בלעם הי' שונאם יותר מבלק".

**סב.** דערנאך האט בלק געזאגט "והוא יושב ממולי", און בלעם האט דאס משמיט געווען: "והוא יושב ממולי" האט בלק געזאגט אלס א **טעם** פארוואס ער וויל אז עס זאל זיין "ארה לי את העם הזה גו'", וואס דאס באווייזט אז די שנאה איז ניט אזוי גרויס - ווארום די שנאה איז פארבונדן מיט דעם טעם פון "והוא יושב ממולי", אבער אויב עס וואלט ניט געווען אזא טעם וואלט ער ניט געהאט אזא שנאה צו זיי;

משא"כ בלעם האט משמיט געווען דעם טעם - ווארום "בלעם הי' שונאם יותר מבלק", האט זיך זיין שנאה יתירה ארויסגעדריקט אין דעם וואס ער האט דאס ניט פארבונדן מיטן טעם "והוא יושב ממולי".

ועד"ז דערנאך ווען בלק האט געזאגט "ארה לי את העם הזה" האט ער גלייך געגעבן א טעם אויף דעם - "כי עצום הוא ממני", ווארום זיין שנאה צו אידן איז געווען פארבונדן מיט דעם טעם פון "עצום הוא ממני";

משא"כ בלעם האט אויך משמיט געווען דעם טעם - וויבאלד אז "בלעם הי' שונאם יותר מבלק".

**סג.** דערנאך האט בלק געזאגט "אולי אוכל נכה בו", און בלעם האט משנה געווען און געזאגט "אולי אוכל להלחם בו":

"נכה בו" איז ווייניקער ווי "להלחם בו", ווי רש"י טייטשט עה"פ - אז "נכה בו" מיינט "חסר מהם **מעט**", משא"כ "להלחם בו" איז מער פאר דערויף.

אפילו לויט דעם פשוט'ן פירוש אין "נכה בו" (פירוש ראשון ברש"י), אז דאס מיינט - שלאגן -

איז אבער בלק האט געזאגט "נכה בו ואגרשנו מן הארץ", ד.ה. אז די כוונה פון דעם "נכה בו" איז נאר בכדי עס זאל זיין "ואגרשנו מן הארץ", אבער ניט "מן



הנחה פרטית בלתי מוגה

העולם" (ווי בלעם האט געוואלט), "איני מבקש אלא להסיעם מעלי", ווי רש"י זאגט - איז פארשטאנדיק פארוואס ער האט געזאגט "נכה בו" - ווארום "נכה בו" מיינט טאקע שלאגן, אבער בשעת מ'שלאגט איינעם איז דא א מציאות דבר וועלכע מ'שלאגט;

משא"כ בלעם האט געזאגט "להלחם בו וגרשתיו", וואס "וגרשתיו" מיינט "מן העולם" אז עס זאל קיין מציאות דבר אויך ניט בלייבן פון זיי אין וועלט - דעדפאר האט ער געזאגט "להלחם בו", וואס דאס מיינט בפשטות אויך אן ענין פון הריגה (און ניט נאר "נכה בו") וואס אין דעם דריקט זיך אויך אויס בגלוי אז "בלעם הי' שונאם יותר מבלק".

**סד.** דערנאך האט בלק געזאגט "כי ידעתי את אשר תברך מבורך ואשר תאר יואר", און בלעם האט עס משמיט געווען.

וואס דער טעם אויף דעם איז פארשטאנדיק בפשטות:

בלעם איז טאקע געווען א שונא ישראל אבער ער איז אויך געווען א חכם און א קוסם - האט ער דאך פארשטאנען בפשטות אז ס'איז ניט ער וואס איז מברך און איז מארר, נאר דאס איז דער אויבערשטער, אז דער אויבערשטער ווייסט אז בלעם ווייסט אז ניט בלעם איז דער וואס איז מברך און מארר, נאר דאס טוט דער אויבערשטער,

איז בשעת ער גייט איבערגעבן דברי בלק צו דעם אויבערשטן - האט בלעם פארשטאנען אז ס'האט ניט קיין ארט זאגן דעם אויבערשטן דאס וואס בלק האט געזאגט אז "כי ידעתי את אשר תברך מבורך ואשר תאר יואר".

עס בלייבט נאך אבער צו פארשטיין פארוואס בלק האט געזאגט "ועתה לכה", און בלעם האט משנה געווען און געזאגט "עתה לכה".

**סה.** פון דעם ביאור אין דער הערה אויפן זהר, אז בשעת מ'דארף ממשיך זיין פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא דארף עס נעמען א משך זמן ביז דאס ווערט נמשך דורך די אלע דרגות בינתיים -

האט מען א ביאור אין אן ענין וואס איז פארבונדן מיט שנת המאה להולדת בעל המאסר והגאולה:

מ'האט דאך גערעדט אז אין דעם שנת המאה להולדת ווערן נמשך נייע ענינים ביז אין עבודה בפועל, וואס זיינען ניט געווען לפנ"ז.

וואס לכאו' איז דאס ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט מען געדארפט ווארטן מאה שנה ביז די ענינים זאלן נמשך ווערן - ממה נפשך: דער נתינת כח אז די ענינים זאלן נמשך ווערן איז שוין געווען אין דער שנה הראשונה להולדתו - האבן די אלע ענינים געדארפט נמשך ווערן דעמאלט?!

ע"פ דער ביאור אין דער הערה איז דאס פארשטאנדיק:

בכדי ממשיך זיין פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא, אין אן אופן אז אין עלמא דאתגליא זאל די המשכה שטיין מיטן גאנצן כח ווי דאס איז געווען אין עלמא דאתכסיא - דארף עס נעמען א משך זמן ביז אז עס ווערט נמשך דורך די אלע דרגות בינתיים.

ועד"ז בנוגע צו די המשכות וואס זיינען פארבונדן מיט מאה שנה להולדת בעל המאסר והגאולה, וואס זיי זיינען המשכות פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא, ווארום די המשכות וואס זיינען פארבונדן מיט מאה שנה, האבן א קשר מיט דער ענין פון "חייב אדם לברך מאה ברכות בכל יום", וואס דער ענין הברכות איז דער ענין

פון "ברוך הוי' ...' מן העולם ועד העולם" - ממשיך זיין פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא (כנ"ל סנ"א)) -

דארפן די המשכות נעמען א משך זמן (מאה שנה) ביז זיי ווערן נמשך פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא מיטן גאנצן כח ווי זיי שטייען אין עלמא דאתכסיא.

**סו.** עד"ז האט מען אויך א ביאור בנוגע צו כו"כ ענינים וואס דער בעל הגאולה האט מגלה געווען ערשט מיט כמה יארן נאך דערויף וואס ער האט וועגן דערויף געהערט בפעם הראשונה.

בדוגמא ווי דער ענין פון ח"י אלול, וואס דער בעל הגאולה האט מגלה געווען ערשט מיט פופציק יאר נאך דערויף וואס ער האט וועגן דעם געהערט - אז בח"י אלול פלעגן רבותינו נשיאינו זאגן גוט יום טוב, און פלעגן מאכן א התוועדות פאר יחידי סגולה און פאר די בני בית.

ולכאו' אויב דאס איז א גוטע זאך צו זאגן גוט יום טוב ח"י אלול, און צו מאכן דעמאלט א התוועדות - איז פארוואס האט דער בעל הגאולה געווארט 49 יאר ביז ער האט דאס מגלה געווען, און ניט מגלה געווען גלייך דעם ערשטן יאר ווען ער האט דאס געהערט, און מ'וואלט דעמאלט געזאגט גוט יום טוב און געמאכט א התוועדות?

איז דער ביאור בזה:

זאגן די אותיות גוט יום טוב בח"י אלול - קען מען טאקע, ועד"ז קען מען מאכן א התוועדות בח"י אלול -

אבער אויב מ'וויל אז אין דעם גוט יום טוב וואס מ'זאגט ח"י אלול זאל ליגן דער גוט יום טוב וואס א רבי א נשיא האט געזאגט לבנו, ועד"ז אויב מ'וויל אז אין דער התוועדות וואס מ'מאכט ח"י אלול, ד.ה. אין די פעולות און אין דעם דיבור פון דער התוועדות, זאל ליגן די פעולות און דיבור וואס רבותינו נשיאינו האבן געהאט בשעת זיי פלעגן מאכן א התוועדות ח"י אלול, וואס דאס זיינען פעולות און דיבור פארבונדן מיט דער הולדת פון דעם בעש"ט און דערנאך דער התגלות פון דעם בעש"ט, און דערנאך דער הולדת פון דעם אלטן רבי'ן -

דארף עס נעמען א משך זמן ביז אז עס זאל נמשך ווערן די אלע ענינים וואס זיינען געווען אין דעם גוט יום טוב און אין די התוועדויות פון רבותינו נשיאינו, אין עלמא דאתגליא דא למטה אז יעדערער זאל דערצו קענען האבן א שייכות.

**סז.** ועד"ז בנוגע צו די ענינים וואס מ'רעדט אין די התוועדויות, וואס לכאו' קען מען פרעגן פארוואס רעדט מען דאס עפעס ערשט דעם יאר, און ניט א פריערדיקע יאר, ע"ד ווי דער ענין אין וועלכע מ'קאכט זיך איצטער בנוגע צו "והשיב לב אבות על בנים" -

איז אבער אפילו אויב מ'ווייסט ניט פארוואס מ'רעדט וועגן דעם דוקא בשנה זו [און מ'איז אזוי ווי א "סומא בארובה"] - איז דאס אבער זיכער בהשגח"פ, און "את הכל עשה יפה בעתו", ובמילא איז פארשטאנדיק אז עס האט געדארפט נעמען דער זמן ביז איצטער (ווען מ'רעדט וועגן דעם) אז דאס זאל נמשך ווערן פון עלמא דאתכסיא אין עלמא דאתגליא מיטן גאנצן כח ווי דאס שטייט אין עלמא דאתכסיא.

וע"ד ווי דאס איז געווען בא נתינת התורה, וואס "אלפיים שנה קדמה תורה לעולם", און דערנאך שטייט אין מדרש אז די תורה האט געדארפט געגעבן ווערן צו אדה"ר גלייך בתחלת הבריאה - און אעפ"כ מצד דעם וואס "את הכל עשה יפה בעתו" איז די תורה געגעבן געווארן ערשט כ"ו דורות שפעטער!

**סח.** אויף מסיים זיין בדבר טוב:

בנוגע צו די גאולה דארף מען דאך איצטער ניט ווארטן א משך זמן ביז אז דאס זאל נמשך ווערן למטה - ווארום ס'איז "כבר כלו כל הקיצין",

און די גאולה האמיתית והשלימה, דארף קומען תיכף ומיד, "בשעתא חדא וברגעא חדא", בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש, ובמהרה בימינו ממש.

*　　*　　*

**סט.** דאס וואס מ'האט מסיים געווען אז ס'איז "כבר כלו כל הקיצין" - בכדי צו מעורר זיין אז וויפיל דארף מען שוין ווארטן אז מ'זאל טאן אין די מבצעים כדבעי, און ס'איז "יפה שעה אחת קודם", וואס א שעה איז כולל אין זיך 60 מינוט, אבער דא איז די כוונה "יפה רגע אחת קודם".

- און ס'איז "כבר כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה", וואס תשובה איז ניט נאר על החטא כטעות העולם - נאר דאס איז אויך דער פירוש פון אומקערן זיך - "והשיב לב אבות על בנים".

וואס דערפאר איז כאן הזמן צו מעורר זיין נאכאמאל בנוגע צו דער חינוך פון קינדער, אינגעלאך און מיידעלאך, אז מ'זאל זיך משתדל זיין אז יעדער אידישער אינגעלע און יעדער אידישע מיידעלע זאלן מלכתחילה באקומען א חינוך הכשר וכו'.

און אפילו בנוגע צו די קינדער וואס ביז איצטער האבן זיי נאך ניט געהאט די מעגליכקייט צו באקומען אזא חינוך - זאל מען מיט זיי טאן מכאן ולהבא.

**ע.** דער ביאור אין דער משנה אחרונה פון פרקי אבות:

"כל מה שברא הקב"ה בעולמו" איז כולל אין זיך אויך תורה, ואדרבה - תורה איז די העכסטע בריאה פון דעם אויבערשטן.

און כאטש אז תורה איז העכער פאר די בריאה און "קדמה לעולם" כנ"ל - איז אבער אין תורה גופא פאראן כמה דרגות: ס'איז פאראן די דרגא אין תורה וואס איז "קדמה לעולם" און ס'איז פאראן א דרגא אין תורה וואס איז "ברא הקב"ה בעולמו", ד.ה. ווי תורה איז א נברא.

ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל (אין סידור האריז"ל ועוד), און געבראכט אין חסידות, דער פירוש פון "ועל תורתך - שלמדתנו": "ועל תורתך" מיינט די תורה ווי זי איז אין עולם האצילות; "שלמדתנו" - די תורה ווי זי איז אין עולם הבריאה, און דערפאר הויבט זיך אן די תורה מיט א בי"ת, צו מרמז זיין אז די תורה וואס מיר לערנען איז שוין די צווייטע מדריגה אין תורה, תורה ווי זי איז אין עולם הבריאה, ניט די ערשטע מדריגה אין תורה, ווי זי איז אין עולם האצילות.

און וועגן די מדריגה אין תורה, ווי תורה איז אין עולם הבריאה - רעדט די משנה, אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו": אויך די תורה ווי זי איז אין עולם הבריאה, איז "לא בראו אלא לכבודו".

ווארום תורה ווי זי איז העכער פאר עולם הבריאה - איז אין איר ניט שייך זאגן "לא בראו אלא לכבודו", וויבאלד אז זי איז "קדמה לעולם" איז זי דאך ניט קיין נברא,

ביז ווי תורה געפינט זיך אין עצמות, וואס דארטן איז ניט שייך (ניט נאר זאגן "ברא" אויף תורה, נאר אויך ניט) זאגן "לא בראו אלא לכבודו" - ווארום

דארטן איז "הי' הוא" און אויך "שמו" בבחי' "בלבד" - איז דאך ניט שייך זאגן דארטן אז א זאך איז "לכבודו", בשעת אלץ איז דארטן בבחי' "בלבד".

משא"כ ווי תורה געפינט זיך אין עולם הבריאה, אין וועלט, [וואס דאס איז די דרגא פון "מיום שחרב ביהמ"ק אין לו להקב"ה בעולמו אלא ארבע אמות של הלכה בלבד", און אפילו אין זמן פון ביהמ"ק, איז דאך דער עיקר חפץ אין מקדש געווען דער ארון, וואס ענינה איז תורה, ווי דער רמב"ן זאגן בביאור הענין פארוואס דער ערשטער ציווי גלייך נאך "ועשו לי מקדש" איז געווען "ועשו ארון"] -

איז דארטן שייך זאגן אז די תורה איז בבחי' נברא, א חלק פון "כל מה שברא הקב"ה בעולמו" - און במילא קען מען אויף דערויף זאגן "לא בראו אלא לכבודו": די תורה ווי זי איז אין עולם הבריאה איז "לא בראו אלא לכבודו" - די גאנצע כוונה פון די תורה איז צוקומען צו א העכערע דרגא, צו די דרגא פון "לכבודי", וואס דאס איז בחי' מלכות דאצילות וואס זי האט א שייכות צו עולם הבריאה.

עא. והביאור בזה:

תורה ווי זי איז אין עולם הבריאה, א חלק פון "כל מה שברא הקב"ה בעולמו", און בכללות - ווי תורה איז אין עולמות בי"ע, ווי עס שטייט דערנאך די ראי' "ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו" וואס דאס זיינען די ג' עולמות פון בריאה יצירה און עשי', ווי עס שטייט אין מדרש שמואל,

[וואס מדרש שמואל איז א ספר וואס ברענגט זיך אין חסידות בנוגע צו כמה ענינים, וויבאלד אז דארטן זיינען דא ענינים פון קבלה און פון חסידות, און חסידות ברייגנט פון דארטן אראפ מיט א תוספת ביאור און תוספת חיות וכו'] -

איז זי פארבונדן מיט דער ענין פון לימוד התורה אין אן אופן פון "שונה פרקו מאה פעמים" - ווי דער מהרש"א איז מסביר אז דער ענין פון "מאה" דערגרייכט אין נר"נ, וואס נר"נ איז דער ענין פון יחידות עשירות מאות (ראה לקו"ת ראה כב, ג), און נר"נ איז כנגד בי"ע.

דאס איז אבער תורה ווי זי איז נאר מצד בריאתו, מצד דעם וואס "ברא הקב"ה בעולמו";

דערנאך איז אבער די משנה ממשיך: "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו": די תורה ווי זי איז אין בי"ע, דער ענין פון "שונה פרקו מאה פעמים" - איז איר גאנצע כוונה בכדי עס זאל זיין "לכבודו",

וואס דאס מיינט - אז די תורה ווי זי איז אין בי"ע, דער לימוד התורה אין אן אופן פון "שונה פרקו מאה פעמים" זאל צוקומען צו די בחי' פון מלכות דאצילות, "לכבודו", די דרגא פון "שונה פרקו מאה פעמים ואחד", אדער ווי די צווייטע גירסא - "שונה פרקו מאה פעמים ואחת", וואס "אחד" און "אחת" זיינען צוויי דרגות אין מלכות דאצילות - מלכות ווי זי ווערט אנגערופן "היא" לשון נקבה, וואס דאס איז ווי מלכות איז די דרגא תחתונה אין עולם האצילות, און ווי מלכות ווערט אנגערופן "הוא" לשון זכר, וואס דאס איז ווי מלכות ווערט ראש פון עולם הבריאה.

עב. דערנאך איז דער משנה ממשיך: שנאמר "כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו": דער שרש און דער נתינת כח אויף די עבודה פון תורה אין עולמות בי"ע "שונה פרקו מאה פעמים" עס זאל זיין "לא בראו אלא לכבודו" - "שונה פרקו מאה פעמים ואחד (ואחת)" - קומט פון דעם וואס דער אויבערשטער זאגט "כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו",

וכמבואר אין די מאמרים פון דעם בעל הגאולה (צ"ט) דער ענין פון "כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו": [כאטש אז זיי הויבן זיך ניט אן מיט-

דער ד"ה], אז דאס איז כנגד די ד' עולמות, אצילות, בריאה, יצירה און עשי', סיי אבי"ע הכללים, און סיי אבי"ע הפרטים: "כל הנקרא בשמי" איז כנגד אצילות דכללות און אצילות דפרטיות, "בראתיו" איז כנגד בריאה דכללות און בריאה דפרטות וכו'.

און דאס איז דער שרש און דער נתינת כח אז עס זאל קענען זיין דער ענין פון "לכבודו" אין תורה דבריאה.

**עג.** דערנאך איז דער משנה ממשיך: "ואומר ה' ימלוך לעולם ועד":

מ'דארף ניט מאכן אויס וועלט - נאר אין וועלט, "בעולמו", דארף מען ממשיך זיין "כבודו", אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו",

ווי עס שטייט "ה' ימלוך לעולם ועד": "לעולם" איז דער ענין המקום - **עולם** האצילות, **עולם** הבריאה, **עולם** היצירה, און עולם **העשי'**, און "ועד" איז דער ענין הזמן, טאקע זמן נצחי, "ועד", אבער דער ענין הנצחיות איז שייך זאגן נאר אין זמן -

און אין מקום וזמן איז מען ממשיך "הוי' ימלוך", וואס דאס איז דער ענין פון "הוי' הוא האלקים".

**עד** און ווער איז דאס ממשיך - איז דאס אידן ע"י עבודתם, ווי מ'איז דערנאך ממשיך זאגן: "רבי חנני' בן עקשיא אומר רצה הקב"ה לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תורה ומצוות, שנאמר ה' חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר" - ווארום "כל הנקרא בשמי" גייט דאס אויף נש"י, וואס זיי זיינען קורא וממשיך בשמי.

און אין אופן פון "יגדיל תורה" - לימוד התורה אין א אופן פון "שונה פרקו מאה פעמים", און "ויאדיר" - "שונה פרקו מאה פעמים ואחד".

און דעמאלט ווערט "ויאדיר" - "א' דר": אז דער אויבערשטער איז דר בעולמו אין אן אופן פון "ה' ימלוך לעולם ועד", וואס א מלך איז א בעה"ב אויף די דירה אין וועלכע ער איז דר.

און נאך דערויף וואס מ'איז מסיים פרקי אבות מיט די ענינים הנ"ל - קען מען גיין מקבל זיין די תורה בא מתן תורה (וואס דעם לעצטן פרק פון פרקי אבות לערנט מען דעם שבת פאר חג השבועות),

און דערנאך גיין נאכאמאל מקבל זיין די תורה בשעת מ'איז מסיים א צווייטן מאל פרקי אבות בזמן הקיץ, ובפרט אין די שבתות הקיץ.

און דאס ווערט א הכנה צו דער "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים", וואס דעמאלט וועט מען לערנען תורה מפיו של משיח.

"והקיצו ורננו שוכני עפר" און דער בעל הגאולה בראשם, במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

## יום ג׳ פ׳ פינחס,
## שבעה עשר בתמוז יהפך לשמחה, ה׳תש״מ.
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –

א. בשעת אידן קלייבן זיך צוזאַמען[1], און מ׳פאַרבינדט דאָס מיט אַן ענין של תפלה

— ובפרט מיט תפלת מנחה, וואָס אויף תפלת מנחה זאָגט די גמרא[2] „לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה, שהרי אליהו („פנחס הוא אליהו"[3]) לא נענה אלא בתפלת המנחה" —

און מיט אַן ענין של תורה — קריאת התורה, און מיט נתינת הצדקה — לפני או אחרי התפלה —

ווערט דאַך דערפון דער „חוט המשולש"[4] פון די שלשה דברים, תורה עבודה וגמילות חסדים, ובמילא איז פאַרשטאַנדיק וויפיל מ׳קען דעמולט אויפטאָן אַז עס זאָל זיין „העולם עומד"[5] און „העולם קיים"[6], סיי דער „עולם קטן" זה האדם[7], און סיי דער עולם כפשוטו (וואָס אין ענין יוצא מידי פשוטו).

ב. ובמיוחד ביום זה, שבעה עשר בתמוז, וואָס דעמולט קומט צו אַז מ׳דאַרף אויפטאָן (ניט נאָר אין „העולם עומד" און „העולם קיים", נאָר אויך) דעם ענין פון „יתרון האור מן החושך" און „יתרון החכמה מן הסכלות"[8]:

שבעה עשר בתמוז איז פאַרבונדן מיט די „חמשה דברים" בלתי רצויים וואָס האָבן געטראָפן ביום זה[9],

דברים בלתי רצויים ניט נאָר אין שייכות מיט „אתם קרויין אדם"[10], מיט אידן (ביז צו אַ יחיד — „עולם קטן"), נאָר אויך אין שייכות מיט כל העולם כולו, ביז — מיט כל סדר ההשתלשלות (כמבואר[11] אין מדרשי חז״ל, וביתר ביאור — אין חסידות) —

דאַרף מען אויסנוצן דעם טאָג (דורך די פעולות פון תורה עבודה און גמ״ח אין דעם טאָג) אויף אויפטאָן אַז עס זאָל זיין „העולם עומד" און „העולם קיים",

ביז — אַרויסבאַקומען דעם „יתרון האור מן החושך" און „יתרון החכמה מן הסכלות", עס זאָל צוקומען אין אור וחכמה ביתר שאת ויתר עז,

ווי דער רמב״ם ברענגט אַראָפּ להלכה בסוף וסיום הלכות תעניות, אַז דוקא מצד די ענינים[12] וואָס זיינען פאַרבונדן

---

1) דאכל בי עשרה שכינתא שריא (סנהדרין לט, א). וראה אגה״ק סכ״ג (קלו, ב) „ששמעתי מרבותי (הבעש״ט. וההה״מ) כו׳ אף שאינם כו׳".

2) ברכות ו, ב. וראה בארוכה ד״ה לעולם יהא אדם זהיר בתפלת מנחה כו׳, תרצ״א (סה״מ קונטרסים ח״א רג; ב ואילך). ובכ״מ.

3) תיב״ע עה״פ וארא ו, יח. פדר״א פמ״ז. זח״ב קצ, סע״א. רע״מ פרשתנו רסו, א. יל״ש ריש פרשתנו. פרש״י ד״ה לאו מר כהן — ב״מ קיד, ב.

4) ל׳ הכתוב — קהלת ד, יב.

5) אבות פ״א מ״ב.

6) שם מי״ח.

7) ראה תנחומא פקודי ג. תקו״ז תס״ס קרוב לתחלתו (ק, ב. קא, א). ובכ״מ.

8) ע״פ ל׳ הכתוב — קהלת ב, יג.

9) משנה תענית כו, סע״א ואילך. ובגמרא שם כח, ב ואילך.

10) יבמות סא, רע״א.

11) הירידה בכל סדר ההשתלשלות ע״י החורב, ועניניו.

12) שעל ידם נעשו צומות.

מיט דעם טאָג, וועלן צוקומען ימים טובים וימי ששון ושמחה באַ אידן —

„כל הצומות האלו כו' עתידים להיות ימים טובים[13] וימי ששון ושמחה".

און ווי מ'ברענגט דאָס אַראָפּ אויך אין דיבור בפועל (וואָס „עקימת שפתיו הוי מעשה"[14]) אין די סליחות וואָס מ'זאָגט בשבעה עשר בתמוז בבוקר — „ושבעה עשר בתמוז הפך לנו לששון ולשמחה"[15].

ג. ס'איז דאָך „המעשה הוא העיקר"[16] — דאַרף מען אַרויסנעמען אַ הוראה אין מעשה בפועל פון שבעה עשר בתמוז.

וועט מען עס פאַרשטיין בהקדם וואָס דער רמב"ם שרייבט בריש הלכות תעניות, אַז דער ענין התענית איז „מדרכי התשובה הוא", מ'טאָר ניט זאָגן אַז די צרה וואָס האָט גורם געווען דעם תענית איז „נקרה נקרית", נאָר מ'דאַרף וויסן אַז זי איז געקומען בכדי אַז מ'זאָל תשובה טאָן.

וואָס אַזוי איז אויך בנוגע צו די ד' צומות, אַז זיי זיינען „כדי לעורר הלבבות לפתוח דרכי התשובה ויהי' זה זכרון למעשינו הרעים ומעשה אבותינו שהי' כמעשינו עתה עד שגרם להם ולנו אותן הצרות", וואָס „בזכרון דברים אלו נשוב להיטיב"[17]:

מען דאַרף זיך מתבונן זיין אין די סיבות וואָס האָבן געבראַכט „אותן הצרות". — „מעשינו הרעים", על מנת צו מתקן זיין די מעשים דורך תשובה,

ביז דאָס וועט זיין אַ תיקון בשלימות, ביז צו אַ שלימות לויטן צווייטן אַפּטייטש אין שלימות — ניט נאָר מילוי החסרון, נאָר אַ שלימות וואָס איז העכער און בעסער פון דעם מצב וואָס איז געווען לפני זה,

ובלשון הנזכר לעיל: „יתרון האור מן החושך"[18] דוקא, און „יתרון החכמה מן הסכלות" דוקא, וואָס „אין אדם עובר עבירה אא"כ נכנס בו רוח שטות"[19].

ד. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז פונקט ווי די סיבות וואָס האָבן געבראַכט צו פאַרשידענע צומות זיינען ניט די זעלבע (וואָס דערפאַר קומען די צומות אין פאַרשידענע זמנים און ימים מיוחדים) —

אַזוי איז אויך דער „זכרון דברים אלו" (די התבוננות אין דער סיבה וואָס האָט געבראַכט דעם צום), ובמילא אויך דער תיקון אויף דעם, בכל צום[20] ובכל ענין לפי התוכן ופנימיות הענין.

און ס'איז אויך פאַרשטאַנדיק, אַז דער ענין ותוכן מיוחד פון יעדן תענית (וואָס אין דערויף דאַרף מען זיך מתבונן זיין און אין דעם דאַרף זיין דער תיקון) — איז אויך פאַרבונדן (ברמז, אָדער — אפילו בגלוי) מיט די מאורעות מיוחדים

---

13) בדפוסים שלפנינו: יום טוב — אף ששאר ההלכה כתובה בלשון רבים: הצומות כו' ולמועדים טובים כו' וימי כו' — אבל בכמה דפוסים (כולל — דפוסי רומי) וכתבי יד הרמב"ם (ראה רמב"ם הוצאת פרנקל) הגירסא: ימים טובים (כבפנים).

14) ב"מ צ, סע"ב. סנהדרין סה, א.

15) וממשיך: הפך לנו לשמחה ולששון . . ליום ישועה ונחמה. וראה סוכה סח, ב.

16) אבות פ"א מי"ז.

17) רמב"ם שם רפ"ה.

18) היפך — תורה אור.

19) סוטה ג, א.

20) להעיר מהרמז (אגרת הטיול (לאחי המהר"ל) חלק הרמז אות צ. החיד"א במדבר קדמות מע' ק אות כ. ובדבש לפי מע' ק אות ח) דצום קול ממון — גימטריא שלהם שוה. וי"ל דזהו ג"כ עבודה תורה גמ"ח.

וואס האבן געטראפן אין דעם צום מסוים.

ה. ובנוגע לענינינו: די עבודה פון שבעה עשר בתמוז איז מובן פון די מאורעות וואס האבן געבראכט דעם צום:

די משנה זאגט אז „חמשה דברים אירעו את אבותינו בשבעה עשר בתמוז", און דאס האט געבראכט צו קביעת התענית ביום זה.

די ערשטע זאך פון די „חמשה דברים", סיי אין זמן, סיי (ובמילא) אין חשיבות, סיי אין סיפור הדברים (אויך אין סליחות), איז — „נשתברו הלוחות".

דארפן זיין אין דערויף ביידע ענינים: א התבוננות אין דער סיבה וואס האט געבראכט דערצו, און א התבוננות אין דעם תיקון — אין וואס פאר אן ענין דארף מען זיך ארייינלייגן כדי ס׳זאל זיין א תיקון לזה, ביז — א תיקון בשלימות, ביז צו א שלימות באופן של יתרון, ביתר שאת וביתר עז, לגבי ווי עס איז געווען לפני״ז, כנ״ל.

ו. והביאור בזה:

„נשתברו הלוחות" מיינט, בפשטות, אז ס׳איז געווען א „שבירה" רח״ל אין תורה, און אין וועלכע זאך פון תורה — ווי תורה שטייט אין די לוחות.

דער אויפטו, בכלל, פון תורה ווי די איז על הלוחות לגבי תושב״כ ותושבע״פ, איז:

ווען תורה איז געשריבן אין א ספר תורה, איז זי געשריבן בדיו על (הספר) הקלף, ד.ה. אז מ׳נעמט דיו און דערמיט שרייבט מען אויף א קלף, און עס ווערט דערפון איין זאך — א ספר תורה, וואס פון איר קומען די ענינים פון תורה,

עד״ז תושבע״פ וואס זי דארף זיין בזכרון האדם, ווערט עס אזוי דורך דעריוי״ וואס ער לערנט דעם ענין „מאה פעמים", און נאכמער — „מאה פעמים ואחד"[21], וואס דעמולט ווערט דער ענין נשמר אין זיין (מוח[22] ה)זכרון —

וואס אין די ביידע אופנים איז דאס א חיבור פון צוויי דברים נפרדים: דיו וקלף, דער לימוד מיטן (מוח[22] ה)זכרון;

משא״כ אין די לוחות איז די תורה געווען באופן של חקיקה (אויסגע־קריצט).

וכמבואר אין די דרושים פון דעם אלטן רבי׳ן והנשיאים שלאחריו ממלאי מקומו (דרושי בחוקותי, דרושי זאת חקת התורה ובכ״מ), אז דער חידוש פון אותיות החקיקה אויף אותיות הכתיבה, איז, אז די אותיות החקיקה זיינען חקוק מיני׳ ובי׳ פון די לוחות: ניי״ קיין חיבור פון ב׳ דברים נפרדים, נאר מלכתחלה איין זאך.

ז. ובעבודת האדם:

ווען א איד לערנט תורה, דארף דער לימוד ביי אים ווערן און זיין ניט אין אן אופן פון חיבור ב׳ דברים נפרדים, נאר ער דארף ביי אים זיין אויסגעקריצט און איינגעקריצט. די אותיות פון דער תורה שטייען ביי אים אין אן אופן אז זיי זיינען אויסגעפארמירט אין אים, ד.ה. אז (אפילו[23]) זייער חומר וגוף איז פון דעם אידן אליין.

וע״פ המבואר בירושלמי[24] עה״פ[25]

---

21) ראה חגיגה ט, ב. וראה תניא ספ״ז. לקו״ת ראה כב, ב ואילך. ובכ״מ.

22) ראה לקו״ת ס״פ קדושים — ע״י כח הזכרון (כלשון אדה״ז בהל׳ ת״ת פ״ב וג׳) שלו.

23) לא רק תוכנם והשכל שבהם (ראה תניא פ״ה).

24) שקלים פ״ו ה״א.

25) תשא לב, טו.

"מזה ומזה הם כתובים", אז די לוחות האבן כולל געווען אין זיך כל התורה כולה, ביז אפילו מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש בסוף כל הדורות[26] — אין פאר־שטאנדיק, אז די מעלה פון חקיקה דארף זיין אין כל הענינים וואס זיינען פאר־בונדן מיט תורה, אפילו אין דעם וואס א "תלמיד ותיק" עתיד לחדש.

אלע ענינים אין תורה דארפן ווערן א חלק פון זיין מציאות, ביז אז מ׳קען ניט פאנאנדערטיילן צווישן אים מיט תורה, און מ׳קען אויך ניט פאנאנדערטיילן צווישן תורה מיט אים —

וואָרום די אותיות התורה זיינען אויס־געפארמירט און געמאכט פון א חלק מגופו,

א גוף וואס איז איין זאך מיט נשמתו,

וואס זי איז א "חלק אלוקה ממעל ממש"[27], ו"כשאתה תופס בחלק מן ה־עצם אתה תופס בכולו" — כתורת הבעש״ט הידועה[28].

ח. אין דעם באשטייט די הוראה דערפון וואס "בשבעה עשר בתמוז נשתברו הלוחות":

בשעת עס זיינען פאראן כל הענינים שבתורה, עס ווערט אבער א שבירה און א גרעון אין ענין החקיקה שבתורה, עס פעלט דער ענין ההתאחדות פון דעם אידן מיט תורה אין דעם אופן פון חקיקה —

איז דאס נוגע עד כדי כך, אז מ׳איז גוזר תענית, "מיעוט חלבי ודמי"[29].

ד. ה.: אע״פ וואס דער גוף איז "קנין הקב״ה"[30], ובפרט א גוף פון א אידן — איז ידועה תורת הה״מ[31], אז עס ווערט א קליין לעחילי אין גוף ווערט א גרוישער לאך אין דער נשמה,

ובפרט לויט ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה״ק סימן כ׳[32] אז התהוות היש הגשמי (הגוף) מאין ליש איז ע״י היש האמיתי, ובלשונו — "מהותו ועצמותו של המאציל ב״ה שמציאותו הוא מעצמותו ואינו עלול מאיזה עילה שקדמה לו ח״ו" —

איז פונדעסטוועגן, בשעת עס ווערט א "שבירה" אין חקיקת התורה אין דעם אידן — איז ניט נאר אז מען מעג ניט מקיים זיין דעם ציווי[33] "ונשמרתם מאד לנפשותיכם", ניט אפהיטן בריאות הגוף,

נאר אדרבה — ס׳איז א מצוה צו פאסטן און ממעט זיין חלבו ודמו (צער הגוף), כדי לתקן השבירה והגרעון בענין החקיקה אין דעם אידן!

ט. אין תורה זיינען אנגעוויזן כו״כ ענינים וואס דורך די קען זיין דער תיקון אויף שבירת הלוחות. ולפי מארז״ל[34] (וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תניא פרק לב[35]) אז אהבת ישראל ("דעלך סני לחברך לא תעביד") איז "כל התורה כולה" — איז מובן, אז דער ענין פון אהבת ישראל

---

26) ראה בהנסמן בלקו״ש ח״ד ע׳ 1088 הע׳ 11.

27) תניא רפ״ב.

28) המשך תרס״ו ע׳ תקכב. ועוד. וראה סה״ש תש״א ע׳ 32 הע׳ 19.

29) ברכות יז, א.

30) רמב״ם הל׳ רוצח ושמירת נפש פ״א הי״ד. רדב״ז הל׳ סנהדרין ספי״ח. וראה שו״ע אדה״ז חו״מ הל׳ נזקי גוף ונפש ודיניהם ס״ד.

31) או״ת (הוצאת קה״ת) הוספות אות קצא.

32) קל, סע״א ואילך. וראה תורת שלום ע׳ 120 ואילך.

33) ואתחנן ד, טו. וראה ברכות לב, ס.

34) שבת לא, א.

35) ראה לקו״ש ח״ט ע׳ 156 הע׳ 23.

ד[illegible] זיין אונטערשטראכן במיוחד אין שבירת הלוחות (למעליותא):

חז"ל[36] זיינען מבאר ומסביר (און רש"י ברענגט דאס אראפּ בפירושו עה"ת[37]), אז שבירת הלוחות איז געווען מצד (דעם ענין פון) אהבת ישראל:

משה רבינו האט געוואָלט ממעט זיין (עד כמה שאפשר) אין דעם עונש וואס האט דעמולט געקענט ווערן אויף אידן,

— צוזאמען מיט דער תקוה, אז דער־נאך וועט זיין „סלחתי כדברך", א סליחה „בשמחה ובלב שלם"[38], ביז עס וועט זיין „ושכנתי בתוכם"[39], בנין המשכן —

דערפאר האט ער צובראכן די לוחות, כדי עס זאל ניט זיין דער שטר כתובה וואס פאַרבינדט אידן אלס אן אשה נשואה מיט א כתובה וכו',

ובמילא וועט ער דעמולט קענען טענה'ן (און וויבאלד אז דאס איז טענת משה, וואס משה אמת — איז מובן אז תורתו אמת ודיבוריו אמת, דאס איז אן אמת'ע טענה) אז עס האט קיין אָרט ניט צו מעניש זיין זיי מיט אן עונש חמור, וויבאלד די לוחות זיינען צובראכן — ביז עס וועט דערנאך זיין „סלחתי כדברך".

י. דערפון איז מובן דער לימוד וואס מ'לערנט ארויס פון שבירת הלוחות —

אויף וויפל עס דאַרף זיין די השתדלות ביתר שאת וביתר עז אין דעם ענין פון אהבת ישראל

און מ'האט אויף דעם די נתינת כח „מן החושך", פון שבירת הלוחות — ווארום בפנימיות הענינים איז עס געווען כדי צו לייכטער מאכן דעם עונש פון אידן, ביז אז דערנאך איז ארויס־געקומען בפועל דער „סלחתי כדברך", בשמחה ובלב שלם.

וואס אזוי איז אויך יעדער פעולה אין אהבת ישראל, איז מוסיף אין דעם „כולנו כאחד" — ובמילא ברענגט דאס (א הוספה אין) דעם „ברכנו אבינו"[40],

אנהויבנדיק פון ביטול כל הענינים הבלתי רצויים,

און דערנאך — המשכת הברכה, ביז אין דעם אופן פון ברכתו של הקב"ה, וואס זי איז בלי מדידות והגבלות,

און זי קומט אראפּ אין עוה"ז המדוד והמוגבל, צו א אידן ווי ער שטייט א נשמה בגוף, במדידה והגבלה,

און מ'איז מחבר די שני הפכים בכח המפליא לעשות[41].

יא. א צווייטע זאך פון די „חמשה דברים" וואס „אירעו את אבותינו בשבעה עשר בתמוז", ביז אז דאס איז הוכפל בו באותו החודש (ולכמה דעות — באותו היום)[42] איז — דאס וואס „הובקעה העיר",

אין דעם טאג האבן גוים (און גוי"שקייט) געשפּאלטן די חומה וואס האט מסבב געווען און מגין געווען אויף ירושלים.

---

36) תנחומא תשא ל. וראה גם שמו"ר רפמ"ג. רפמ"ו. תנחומא עקב יא. ועוד.

37) עה"פ תשא לד, א.

38) פרש"י עה"פ שם לג, יא.

39) תרומה כה, ח. וראה תנחומא תרומה ח: א"ל הקב"ה (למשה) ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם כדי שידעו כל האומות שנתכפר להם מעשה העגל.

40) ראה תניא פל"ב.

41) ראה רמ"א או"ח סי' סוס"א. דרכי משה לטור שם סק"ב.

42) ראה לקו"ש ח"ח ע' 308 הערות 9־10. וש"נ

ובעבודת האדם:

„ירושלים״ ווערט אזוי אנגערופן דערפאר וואס עס שטעלט זיך צוזאמען פון (צוויי ווערטער) — „יראה״ און „שלם״ (ווי תוספות[44] ברענגט אראפ פון מדרש[45]),

וכמבואר אין לקו״ת[46] (עה״פ[47] „והשתחוו לה׳ בהר הקודש״), אז דאס איז דער ענין פון „שלימות היראה״ פאר דעם אויבערשטן.

וואס דער ענין פון יראת ה׳ (ובפרט „יראה שלם״, שלימות היראה) — איז כולל אין זיך אלע ענינים פון עבודת האדם. והביאור בזה:

יראה (עילאה) איז דאך כנגד דעם יו״ד פון שם הוי׳, און די יראה איז בשלימות, „יראה שלם״, בשעת ד׳ ווערט נמשך מלמעלה, פון דעם אויבערשטן, פון „הר הקודש״[47], כמבואר אין סידור אין דער „הערה לתיקון חצות״[48].

און די יראה שלימה (יו״ד דשם הוי׳) ווירקט אויפן מענטשן בכל עניניו, וואס זיי שטעלן זיך אויס בדוגמת די ד׳ אותיות פון שם הוי׳[49] [על שם הי׳ הוה ויהי׳ באחד[50]]:

דער שכל האדם איז דער י״ה שבשם, און דיבור ומעשה האדם איז דער ו״ה שבשם.

און רצון האדם (וואס איז פארבונדן מיטן רצון העליון) — איז דער קוצו של יו״ד, וואס פון דארטן הויבן זיך אן אלע עניני האדם,

[וואס די דרגא (רצון, קוצו של יו״ד) איז בדוגמא ווי די בחי׳ פון „מאה פעמים ואחד״ אין תורה, וואס דאס איז דער „אחד״ וואס איז למעלה פון „מאה״, בדוגמא ווי כתר ורצון איז למעלה פון אלע כחות פנימיים, אפילו ווי זיי שטייען בשלימותם, עשר פעמים עשר (מאה)[51]].

יב. אזוי ווי אלע ענינים פון תומ״צ (דארפן) האבן ארום זיך א „סייג״, ובלשון חז״ל[52] „ועשו סייג לתורה״, עד״ז האט אויך די בחי׳ פון „יראה שלם״, שלימות היראה, בדוגמא ווי א חומה ארום זיך, וואס איז אויף איר מגין,

וואס דאס איז — דער ענין ההתבוננות, און דער ענין פון קבלת עול און ביטול, כמבואר בארוכה אין דרושי חסידות.

בשעת עס ווערט אבער א „שפאלט״ אין דער „חומה״ וואס איז מגין אויף „יראה שלם״ [וי״ל שזהו בדוגמא צו דעם ענין פון שבירת הלוחות אין עבודת האדם, אז עס ווערט א „שפאלט״ אין דער חקיקה שבתורה, כנ״ל (ס״ח)] —

איז דער אויבערשטער מצוה אז דע־מולט דארף מען האבן דעם ענין פון „מיעוט חלבי ודמי״ כדי דאס מתקן זיין.

וואס וויבאלד אז דאס איז א ציווי פון דעם אויבערשטן — ווערט דורך דע־רויף אן ענין של מצוה, „צוותא וחי־בור״[53] צום אויבערשטן,

ד.ה. אז דורך דעם „מיעוט חלבי ודמי״ ווערט מען נאכמער קשור און

---

43) ד״ה הר — תענית טז, א.

44) ב״ר פנ״ו, י.

45) ר״ה כ, ב.

46) ישעי׳ כז, יג.

47) ראה לקו״ת שם.

48) כנא, סע״ג ואילך.

49) ראה אגה״ת פ״ד (צה, א).

50) ראה זח״ג רנז, סע״ב. שעהיוה״א פ״ז (פב, א). וראה גם טוש״ע (ואדה״ז) או״ח רס״ה.

51) ראה לקו״ת ראה שם.

52) אבות פ״א מ״א.

53) לקו״ת בחוקותי מה, ג. ועוד.

נאכמער נתאחד און נאכמער אײן זאך מיטן אויבערשטן.

[בדוגמא ווי די התאחדות וואס ווערט צווישן א אידן מיט תורה, ווי גערעדט פריער (ס״ז)].

יג. נאך א לימוד דערפון אין עבודת האדם:

דער ענין פון א חומה איז — צו אפטיילן דעם וואס געפינט זיך בפנים פון אלע ענינים וואס זיינען מחוץ לחומה.

ובענינו, די חומה אויף שלימות היראה טיילט אפ דעם וואס האט שלימות היראה פון דעם וואס עס פעלט ביי אים אין דער שלימות, דאס איז א מחיצה וחומה המבדלת:

וויבאלד אבער אז ח״ו צו מבדיל זיין צווישן איין אידן מיט א צווייטן, דערי־בער זיינען פאראן שערים און פתחים אין דער חומה,

ע״ד ווי ס׳איז געווען בחומת ירושלים כפשוטה, אז עס זיינען געווען פתחים ושערים אין דער חומה כדי מ׳זאל ארויסגיין פון ירושלים אין שאר ארץ ישראל, כדי צו טאן ענינים וואס זיינען ניט אין דער דרגת הקדושה פון ירושלים, וועלכע איז מקודשת פון גאנץ א״י[54] — ד. ה. אז דורך די שערים ווערט דאס אלץ איין ארץ ישראל (כאטש אז אין דרגות הקדושה איז דא א נפק״מ בין מקום למקום).

יד. דאס איז — בשנים כתיקונם.

בשעת אבער ס׳איז „הובקעה העיר" אין אן אופן בלתי רצוי, עס איז דא א „שפאלט" אין דער חומה וואס איז מגין אויף שלימות היראה —

איז דער תיקון דערפון אז עס זאל זיין „הובקעה העיר" למעליותא[55] — טאן מיט א אידן וואס מאיזו סיבה שתהי׳ איז ער (מחוץ לירושלים) ניט בשלימות היראה, לפנים משורת הדין — ניט באגנוגענען זיך מיט די דרכים הרגילות, דורך א „שער" אדער א „פתח" —

נאר פורץ זיין דעם גדר און חומה, טאן לפנים משורת הדין, ביז אין אן אופן פון מסירת נפש, ניט רעכנענדיק זיך מיט חשבונות און מדידות והגבלות, ביז — איינשטעלן זיך אין סכנה כדי צו אויפטאן מיט א אידן וואס געפינט זיך מחוץ לחומת ירושלים, אדער אפילו מחוץ לחומת גבול הקדושה (ארץ ישראל) בכלל.

טו. דאס איז אויך פארבונדן מיט דער הנהגה פון דעם בעל הגאולה

— וואס מיר געפינען זיך איצטער צווישן זיין יום ההולדת (י״ב תמוז) און יום הכנסו לברית קודש (י״ט תמוז), וואס דעמולט איז „תחלת כניסת נפש זו הקדושה", ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בשו״ע שלו[56],

ובפרט נאך אז מ׳געפינט זיך בשנת המאה ואחת נאך יום הולדתו, וואס דעמולט איז מזלו גובר[57] ביתר שאת וביתר עז —

וואס ער האט באוויזן די דוגמא און דעם ביישפיל און געעפנט דעם פתח וסלל הדרך[58] אין דער הנהגה האמורה, מסירת נפש אויף אהבת ישראל.

---

54) ראה כלים פ״א מ״ח.

55) ע״ד שסות דקדושה — לתקן שסום דלעו״ז (ראה ד״ה באתי לגני הש״ת פ״ה).

56) אר״ח מהדו״ב סוס״ד.

57) ראה ירושלמי ר״ה פ״ג ה״ח ובקה״ע שם.

58) ראה סה״מ תרע״ח ע׳ רסג. תרס״ח ע׳ קב.

טז. דאָס איז אויך דער קשר מיט דער הוראה האמורה לעיל (ס״ט) פון שבירת הלוחות ע״י משה רבינו, גואל ראשון,

וואָס ער האָט געהאַט מס״נ אויף אהבת ישראל. ער האָט צובראָכן די לוחות, וויסנדיק אַז „והלוחות מעשה אלקים המה והמכתב מכתב אלקים הוא"[59], געטאָן דאָס לטובת בני ישראל, כנ״ל.

און מען ווייס דערנאָך אַז דאָס איז די דרך הנכונה, ווי חז״ל[60] זאָגן (און רש״י אין דערמיט מסיים פירושו עה״ת) עה״פ[61] „לעיני כל ישראל" — „אשר שברת[62], יישר כחך ששברת":

דער אויבערשטער איז מאשר אַז דאָס איז די דרך הנכונה אין עבודת ה׳ פון אַ אידן ווי ער שטייט אַ נשמה בגוף אין עוה״ז הגשמי, וואָס דאָרט קען זיין אַ חטא

— ביז ווי דער חטא[63] וואָס האָט געבראַכט צו שבירת הלוחות, וחטאים דוגמתו — ווי „שרף אפוסטמוס את התורה" און „העמיד צלם בהיכל" (וואָס זיי זיינען אויך פון די „חמשה דברים" וואָס „אירעו את אבותינו בשבעה עשר בתמוז") —

אַז מ׳דאַרף זיך מוסר נפש זיין אויף אהבת ישראל.

און „אהני לי׳ שטותי׳"[64] — דורך דערויף וואָס מ׳טוט ענינים וואָס זיינען לכאורה ניט ע״פ חכמה דקדושה (נאָר — „שטותי׳") — דערלאַנגט מען אין דעם „קוצו של יו״ד", אין בחי׳ מאה ואחד[65],

און מ׳איז ממשיך דורך די ענינים אַ „יישר כח" פון דעם אויבערשטן — עס ווערט נאָך פאַרשטאַרקט (דער כח פון דעם אידן אין דעם, דורך באַקומען) די ברכה פון דעם אויבערשטן און — אַ הצלחה מופלגה אין דער עבודה,

אין דער עבודה אין די ענינים כלליים האמורים לעיל,

„ואידך זיל גמור"[66] — זיכער קען יעדערער אַרויסנעמען דערפון כמה פרטים ופרטי פרטים.

יז. צווישן די פרטים נוספים (אין שבעה עשר בתמוז) איז דאָ אַ פרט מיוחד, וואָס מ׳ווערט זיך אויף אים אָפּשטעלן:

אין אָנהויב פון די סליחות פון שבעה עשר בתמוז זאָגט מען: „חרבו שלף אויב . . להיות עוללים ויונקים מוכנים לטבח" (רח״ל).

אין רוחניות הענינים מיינט עס:

בשעת מ׳נעמט עוללים ויונקים, און אָנשטאָט צו געבן זיי אַ חינוך וואָס איז פאַרבונדן מיט תורה וואָס זי איז „חיינו ואורך ימינו" און מיט מצוות וואָס אויף זיי שטייט[68] „וחי בהם"[67] —

אַ חינוך וואָס איז דער לעבן פון אַ אידן גלייך מרגע שבא לעולם, וואָרום גלייך מרגע שבא לעולם ווערט ער אַ יורש[69] פון דער גאַנצער תורה, כמ״ש

59) תשא לב, טז.
60) שבת פז, א.
61) ס״פ ברכה.
62) תשא לד, א.
63) העגל — וי״ל ששייך ל„בטל התמיד" דבי״ז בתמוז (תענית שבהערה 9).
64) כתובות יז, א. וראה ד״ה באתי לגני שב.

65) ראה לעיל סוס״א.
66) ל׳ חז״ל — שבת לא, א.
67) אחרי יח, ה.
68) ראה נדה כה, א.
69) ברכה לג, ד.

„תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב״, און ניט סתם אַ יורש פון אַ באַ־זונדער זאַך נאָר דאָס איז „חיינו״ און „וחי בהם״,

ובעיקר באַ עוללים ויונקים, אינגע־לעך און מיידעלעך, ווי ער דערציילט אין מדרש[70] אַז בלעם האָט געזאָגט צו אוה״ע „לכו וחזרו על בתי כנסיות ועל בתי מדרשות שלהן, ואם מצאתם שם תינוקות מצפצפין בקולן אין אתם יכולים להזדווג להם שכך הבטיחן אביהם ואמר להם[71] הקול קול יעקב בזמן שקולו של יעקב מצוי בבתי כנסיות אין הידים ידי עשו״ —

גיט מען זיי אַ חינוך הפכי, מ׳איז זיי מבטל פון לימוד התורה וכו׳,

וואָס דאָס איז אויך געווען דער רצון האויב בשבעה עשר בתמוז (רח״ל, הי״ת) — צוצונעמען די קינדער פון בתי כנסיות ובתי מדרשות, ובכללות — צונעמען זיי פון אַ חינוך וואָס מאַכט זיי איין זאַך מיט תורה ומצוות,

ביז ס׳זאָל זיין רח״ל „עוללים ויונקים מוכנים לטבח״.

יח. דערפון איז די הוראה בנוגע צו דעם תיקון אויף די צרות וואָס האָבן גע־בראַכט דעם תענית —

אַז מ׳דאַרף טאָן אין דעם אופן ווי דער בעל הגאולה האָט דורכגעטראָטן די וועג, און האָט געזאָגט ובפומבי[72], אַז מ׳דאַרף זיך אַריינלייגן בכל תוקף עס זאָל זיין „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז״ — און דעמולט וועט ווערן „להשבית אויב ומתנקם״[73],

דורך דער פעולה מיט די עוללים ויונקים, אַז זיי וועלן מצפצף זיין עוז — תורה[74] און אידישקייט, וועט מען קומען צו „להשבית אויב ומתנקם״ —

כולל ביידע פירושים אין להשבית[75]: „משבית מזיקין מן העולם״, אַז עס ווערן בטל די „ידים ידי עשו״: און — ווי עס וועט זיין לעתיד לבוא (ע״י מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות[76]), אַז מ׳וועט האָבן נאָך פון זיי — זיי וועלן זיין באופן ד„שמש גדול״[77], משמש זיין און אַרויסהעלפן אין אַלע זאַכן פון אידיש־קייט.

וכמדובר כמ״פ, אַז אע״פ אַז מ׳האַלט נאָך פאַר דער אתחלתא דגאולה — שטייט אין פסוק[78] אַז „ולכל בני ישראל הי׳ אור במושבותם״ נאָך זייענדיק אין מצרים,

ועד״ז איז מובן (כימי צאתך מארץ מצרים) בנוגע צום יעוד[79] „והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך״, אַז דאָס פועל׳ט נאָך לפנ״ז, זייענדיק אין דעם מיצר הגלות — אַז אוה״ע העלפן אַז צו העלפן אידן אין אַלע ענינים פון אידיש־קייט,

ביז אין אַן אופן אַז זיי שלאָגן זיך אָן, און זיי בעטן זיך אויף דעם, און טוען דאָס באופן של כבוד, ווי ער זאָגט אין

70) ב״ר פס״ה, כ.

71) תולדות כז, כב.

72) בביהכנ״ס במוסקבא בפורים קטן תרפ״ז במאמרו דא״ח ד״ה וקבל היהודים (נדפס בסה״מ תש״א ע׳ 180 ואילך).

73) תהלים ח, ג.

74) זח״ב ס״פ יתרו.

75) בתר״ל עה״פ (בחוקותי כו, ו) והשבתי חי־רעה מן הארץ. וראה יהל אור להצ״צ עה״פ מזמור שיר ליה״ש (ע׳ שכח ואילך. ס״ע תרל ואילך).

76) תניא רפל״ז.

77) לי חז״ל — סנהדרין נט, ב.

78) בא י, כג.

79) ישעי׳ מט, כג.

דער נבואה[80] „והביאו את כל אחיכם מכל הגוים מנחה לה׳ גו׳ על הר קדשי ירושלים גו׳ כאשר יביאו בני ישראל את המנחה בכלי טהור בית ה׳״.

יט. זעלבסטפארשטענדליך אז בכל האמור מיינט מען בעיקר ובהתחלה די מעשה בפועל, „המעשה הוא העיקר״:

יעדערער זאל זיך אריינוואַרפן און טאָן ביתר שאת וביתר עז, אז יעדער „עולל״ און „יונק״, יעדער אידיש קינד, אינגעלע אדער מיידעלע, זאל מען פאַרבינדן ובתכלית השלימות מיט תורתנו וואָס איז תורת חיים, „חיינו״, און מיט די מצוות, וואָס אויף זיי שטייט „וחי בהם״ —

וואָס דאָס דאַרף אויפגעטאָן ווערן אָמפּריסטן, דורכן חינוך בקטנותו, ביז — פון דעם רגע שנולד,

דורך דעריף וואָס אַרום אים איז אַלץ אָנגעפילט מיט שלימות היראה, וואָס דאָס קומט אין פועל, ווען די מחשבה דיבור ומעשה פון אַלע וואָס געפינען זיך אַרום אים זיינען מיוסד אויף שלימות היראה.

## כ. אין פשוט׳ע ווערטער:

מ׳זאָל זען גלייך אויסנוצן די זומער־דיקע צייט (ועד״ז אין די מדינות וואָס דאָרט איז איצטער חורף — בכל מקום לפי ענינו) אָנפילן דעם לעבן פון די עוללים ויונקים, און דורך זיי — פועל׳ן אויך אויף די ערוואַקסענע — „והשיב לב אבות על בנים — ע״י בנים״[81] —

אַז זיי זאָלן זיין היפך דעם רצון פון דעם לעו״ז, „אויב״, ויתירה מזו, נוסף אויף ענין השלילה — טאָן מיט אַ חיות באופן חיוב וזכות אין תורה ומצות חינוך,

און ניט באַגנוגענען זיך מיטן חיות וועלכער איז געווען פאַר דעם —

נאָר „מחי׳ חיים יתן לך חיים״[82], תגבורת החיות[83], וואָס קומט פון „שנותיו המתהפכות עליו מרעה לטובה״[83], ווי גערעדט פריער אַז דערפון קומט תוספת חיות ביתר שאת ויתר עז, כיתרון האור מן החושך ויתרון החכמה מן הסכלות,

יתרון החכמה פון תורה און מצוות (וואָרום „גדול לימוד שמביא לידי מעשה״[84]), מן הסכלות, פון דעם טפשות־דיקן געדאַנק אַז מען זאָל מחליש זיין ח״ו דער פאַרבונד פון אַ אידיש קינד מיט תורה ומצוותי׳.

כא. און מ׳האָט די הבטחה אַז „הימים האלו עתידים להיות ימים טובים וימי ששון ושמחה״ — ווי דערמאָנט פריער (ס״ב) אַז דער רמב״ם ברענגט דאָס בספרו „יד החזקה״ —

מ׳שטאַרקט זיך מיט יד ה׳, „יד החזקה״[85], וואָס איז פאַרבונדן מיט „יד הגדולה״[85], ענין הנסים באופן של גדלות[86],

אַז מ׳איז זיך מתגבר על כל הענינים הבלתי רצויים, מתגבר „מלכתחילה אַריבער״, וואָרום ס׳איז פאַרבונדן מיט „יד הגדולה״.

און מ׳שטייט „ביד רמה״[85], מיט אַ קומה זקופה, נאָך אין די לעצטע טעג

80) שם סו, כ.

81) מלאכי ג, כד ובפרש״י.

82) יומא עא, א.

83) ראה סידור רמז, א־ב.

84) קידושין מ, ב.

85) כידוע בענין ג׳ הידות — יד הגדולה, יד החזקה ויד הרמה (תו״א מג״א צה, ג ואילך. לקו״ת נשא כא, ב ואילך).

86) ראה פרש״י עה״ם (בשלח יד, לא): את הגבורה הגדולה שעשתה ידו של הקב״ה.

פון גלות — וויסנדיק אז די נשמה איז מלכתחילה ניט געגאנגען אין גלות[87], און זי נעמט ארויס אויך דעם גוף פון א אידן אז אויך ער זאל ניט זיין אין גלות.

און מ׳זאל מוסיף זיין אור, אור גדול, אור חזק ואור רם — אויף דורכברעכן און מבטל זיין דעם חושך כפול ומכופל פון דעם גלות פון עקבתא דמשיחא,

און מאכן דעם „יתרון האור״, וויבאלד דאס נעמט זיך „מן החושך״.

כב. האמור לעיל איז די נקודה וואס האט זיך גערעדט כמה פעמים (ובמיוחד אין די התוועדויות האחרונות) וועגן דעם ענין פון חינוך, ובלשון הידוע — „מבצע חינוך״:

מ׳זאל מחנך זיין יעדער אידישן עולל ויונק, אדער (וואו ער קען ניט טאן, אדער דערגרייכן אליין) — טאן אז אנדערע זאלן דאס טאן,

וואס דאס קומט ע״י הקדמת „מבצע חינוך״ מיט זיך אליין — מחנך זיין זיך אויף צו שטיין אין א מעמד ומצב אז ער זאל טאן אין „מבצע חינוך״ מיט א צווייטן וככל הדרוש.

און בשעת דער „מבצע חינוך״ איז פארבונדן מיט „מבצע אהבת ישראל״ — ברענגט דאס דערנאך צו „מבצע תורה״, „מבצע תפילין״, מבצע מזוזה״, „מבצע צדקה״, „בית מלא ספרים — יבנה וחכמי׳״; צו „מבצע נרות שבת קודש״, „מבצע כשרות האכילה ושתי׳״, און „מבצע טהרת המשפחה״,

ובדרך ממילא וועט בטל ווערן די שקו״ט וועגן „מיהו יהודי״, ווארום „דבר אלקינו יקום לעולם״[88] — אז א איד איז דער וואס איז געבארן געווארן פון א אידישער מוטער אדער נתגייר געווארן כהלכה [וואס דעמולט ווערט ער פארבונדן מיטן אויבערשטן, ביז ווי דער רמב״ם שרייבט בתשובתו הידועה[89], אז א גר (שנתגייר כהלכה) איז זיך מתייחס „למי שאמר והי׳ העולם״],

און אלע צוזאמען ווערן אן עם שלם, „שלימות העם״, דורך דערויף וואס מ׳האלט זיך אין „שלימות התורה״, וואס דאס פארשטארקט דעם אמת לאמיתו און דעם אמת בעולמנו זה, „שלימות הארץ״.

ווי מ׳זאגט אויך אין היינטיקן שיעור אין תורה שבכתב[90] אז „לאלה תחלק הארץ״, אז דער אויבערשטער האט איין מאל פאר אלעמאל געזאגט און איינגעשטעלט אז דוקא „לאלה״, צו די אידן ולבניהם אחריהם, „תחלק הארץ״, זיי געהערט די גאנצע לאנד לגבולותי׳.

און דאס ווערט בא זיי א חלק, וויבאלד זיי זיינען א „חלק אלוקה ממעל ממש״, „כי[91] חלק ה׳ עמו יעקב חבל נחלתו״.

איז בשעת מ׳האט די אלע דריי ענינים צוזאמען, „שלימות התורה״ מיט „שלימות העם״ מיט „שלימות הארץ״ — איז „החוט המשולש לא במהרה ינתק״[92]:

מען שטייט מיט דער גאנצער תקיפות על כל הענינים שבתורה, ווארום דאס ווערט נחקק אין דעם גוף און אין דער

87) לקו״ד כרך ד תרצב, א.

88) ישעי׳ מ, ח.

89) נדפסה ברמב״ם הוצאת שולזינגר (נ.י. תש״ז) בהוספות לח״א ס״ס. תשובות הרמב״ם (ירושלים, תש״כ) כרך ב סרצ״ג.

90) פינחס כו, נג.

91) האזינו לב, ט. אגה״ת פ״ד.

92) המשולש (פרש״י עה״פ מספרי (ובספרי בס״ים וחוט המשולש לא במהרה ינתק)).

נשמה פון יעדער אידן (ווי מ'לערנט אָפּ די הוראה פון די לוחות, כנ"ל (ס"ז)),

און מיט דער גאַנצער תקיפות אויף שלימות העם, וואָרום יעדער איד, למקטנם ועד גדולם, פון „ראשיכם שבטיכם" ביז „חוטב עציך" און „שואב מימיך" (וואָס זיי זיינען געווען גרים[93] שנתגיירו ע"פ ההלכה) — זיינען „נצבים לפני ה' אלקיכם"[94], און „נצבים לאחדים כאחד"[95],

און מיט דער גאַנצער תקיפות אויף שלימות הארץ.

כג. און דורך דעם „חוט המשולש", און מיט דעם „חוט המשולש", גייט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו.

ואין ענין יוצא מידי פשוטו — שבעה עשר בתמוז איז פאַרבונדן מיט התחלת הגלות, „הובקעה העיר" וכו' — איז „יהפכו ימים אלו", אַז עס ווערן בטל כל עניני גלות בא אידן, אַנהויבנדיק דער־פון וואָס מ'ווערט נגאל פון דעם גלות פנימי[96],

וואָס דורך דערויף ווערן בטל „חטאינו", און בשעת עס ווערט נתבטל די סיבה ווערט נתבטל דער מסובב, דער „גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו", דער גלות הכללי,

און מ'האָט די גאולה האמיתית והשלימה כפשוטה, ע"י משיח צדקנו.

וילחם מלחמות ה' וינצח, און דעמולט וועט זיך אָנהויבן די אתחלתא דגאולה, מען ווייס אַז ער איז „משיח ודאי", ויבנה בית המקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל[97], במהרה בימינו, בעגלא דידן ממש,

אמן כן יהי רצון.

93) פרש"י עה"פ נצבים כט, י (גרסת רש"י בתנחומא?. וראה פרש"י גטין כג, ב ד"ה אף. פרש"י יבמות עס, א ד"ה מחוטב. מפרשי פרש"י עה"ת כאן. רמב"ם הל' איס"ב פי"ד ה"ט. ועצ"ע).

94) נצבים שם, ס"י.

95) לקו"ת ר"פ נצבים. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1141 ואילך.

96) ראה אגה"ק ס"ד.

97) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.

בס"ד. שיחת ש"פ מטו"מ, מבה"ח מנחם-אב ה'השי"מ.

<u>הנחת הת' בלהי מוגה</u>

א. כמדובר כמ"פ[1] אז שבת פרשת מסעי איז אלעמאל בסמיכות צו ראש חודש מנחם-אב – אמאל איז די שבת מברכים החודש מנחם-אב (כבקביעות שנה זו), אמאל ראש חודש מנחם-אב און אמאל א טאג נאך ר"ח; משא"כ פרשת מטות איז ניט אלעמאל בסמיכות צו ר"ח מנחם-אב.

ועפ"י תורת אדה"ז[2] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשת השבוע וואס מ'לייענט אין דער צייט – איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד מ'לייענט פ' מסעי אלעמאל אין דער צייט פון ר"ח מנחם-אב, ובקביעות שנה זו אין שבת מבה"ח מנחם-אב – האט פ' מסעי אלעמאל א שייכות מיט (ראש) חודש מנחם-אב,

ד.ה. אז ר"ח מנחם-אב, וואס ווערט געבענטשט פון שבת מבה"ח מנחם-אב – דארף אלעמאל האבן א נתינת כח און א ברכה פון פ' מסעי,

און ווי ס'איז מודגש אין א יאר (כבקביעות שנה זו), ווען מ'לייענט פ' מסעי אין דעם שבת וואס איז מברך חודש מנחם-אב, און אין דעם שבת וואס "מיני' מתברך"[3] ר"ח מנחם-אב.

און ווען מ'לייענט אויך פ' מטות אין שבת מבה"ח מנחם-אב, כבשנה זו (וואס אמאל לייענט מען איר אין דעם שבת שלפני שבת מבה"ח מנחם-אב) – קומט צו א הוראה און א נתינת כח נוספת פון פ' מטות צו שבת מבה"ח מנחם-אב, און (במילא) צו ר"ח מנחם-אב, און צו אלע ענינים און טעג אין דעם חודש,

וואס די הוראה און נתינת כח איז דא בכל השנים, אבער בגלוי יותר שטייט דאס אין א יאר (כבשנה זו) וואס מ'לייענט אין שבת מבה"ח מנחם-אב (ניט נאר פ' מסעי, נאר) אויך פ' מטות, און פון דעם יאר לערנט מען אפ על כל השנים.

ב. דער חילוק צווישן פ' מסעי מיט פ' מטות, האט מען גערעדט אמאל בארוכה[4] – אז דאס ליגט אין דעם חילוק צווישן דעם אפטייטש פון דעם ווארט "מסעי" מיט דעם ווארט "מטות":

"מסעי" איז דער טייטש – אז מ'פארט; די פרשה ווערט

– ניט –

------------

1) ראה לקו"ש ח"ח ע' 198 הע' 31. מסעי (בין המצרים) ש.ז. בתחלתו. 2) היום יום ע' קא. סה"ש חש"ב ע' 29 ואילך. 3) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 4) לקו"ש מטו"מ השל"ח ס"ד ואילך. וש"נ.

ניט אנגערופן על שם די חניות וואס זיינען געווען אין יעדער מסע - נאר על שם די מסעות - ד.ה. על שם זה וואס מ'פארט, אז מ'האלט כסדר אין איין אוועקגיין פון דעם מקום און מצב וואו מ'איז געשטאנען פריער, וואס דאס איז דער ענין פון שינויים.

"מטות" באווייזט אויף אן ענין פון חוזק ותוקף און העדר השינויים, ווי עס שטייט[5] "ומטה האלקים בידי", וכמבואר בחסידות[6].

וואס דערפון קומט אויס אז "מסעי" און "מטות" זיינען ניט נאר צוויי באזונדערע ענינים, נאר זיי זיינען ענינים הפכיים: "מסעי" איז דער ענין פון אוועקגיין, שינויים, ניט שטיין אויף איין ארט בתוקף, און "מטות" איז דער ענין פון העדר השינויים, שטיין אויף איין ארט בתוקף.

ג. אין עבודה זיינען די צוויי ענינים, "מסעי" און "מטות" - צוויי שיטות און הנהגות אין קדושה:

"מסעי" איז א שיטה און א הנהגה אין קדושה וואס ער "פארט" פון איין ארט צו א צווייטן ארט,

וואס אין רוחניות מיינט דאס, אז ער שטייט ניט בתוקף מיט איין שיטה, נאר ער גייט אוועק פון איין שיטה צו א צווייטער שיטה, ער איז "מעלין בקודש"[7].

משא"כ "מטות" איז דער ענין ההוקף - אז ער בלייבט בתוקף מיט שיטתו, און ער גייט ניט אוועק צו קיין צווייטער שיטה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק דער חילוק ביניהם בפשטות הענינים.

ד. פון די צוויי שיטות און הנהגות אין קדושה פון "מסעי" און "מטות" - ווערט נשתלשל אין עולם, "שנשתלשלו מהן"[8], (בכללות) צוויי אופני הנהגה[9]:

ס'איז דא איין אופן ההנהגה אין וועלט - אין אן אופן פון "מטות" - די הנהגה פון "לא ישבותו"[10], וואס דאס איז דער אופן ההנהגה פון טבע, וואס אלקים בגימטריא הטבע[11],

- ד.ה. -

---

5) בשלח יז, ט. וראה גם שמות ד, כ. 6) מאמרי אדה"ז הקס"ב ע' רלז ואילך. עם הגהות - באוה"ת פרשתנו (מטות) ע' א'רצד ואילך. 7) ברכות כח, א. 8) ל' אדה"ז בתניא רפ"ג. 9) ראה עקידה של"ח. הובא ונתבאר ברד"ה ההודש תרנ"ד, תרס"ו, תרע"ה (דפ' ההודש). ועוד. 10) נח ה, כב. 11) פרדס שי"ב פ"ב. שעהיוה"א רפ"ו.



הנחת הת' בלתי מוגה

ד.ה. אז אויך טבע איז א הנהגה און א שיטה אין אלקות, אלקים בגימטריא הטבע, נאר דאס איז ווי אלקות האט זיך איינגעשטעלט אין "חוקות שמים וארץ".

דערנאך איז דא א צווייטער אופן ההנהגה אין וועלט – אין אן אופן פון "מסעי" – הנהגה נסית, וואס הנהגה נסית איז ניט א הנהגה וואס שטייט בתוקף אויף איין ארט, אן שינויים, נאר דאס איז אן ענין של חידוש,

כידוע תורת הבעש"ט [12] אז דער חילוק צווישן נס מיט טבע איז נאר ברגע הראשונה ווען ס'איז געווען דער נס, ווארום "ענין הנס הוא שנתחדש הדבר בפעם הראשון על הטבע", וואס דוקא דעמולט איז דאס "נק' נס", "ואח"כ נעשה זה טבע ג"כ",

ד.ה. אז דער ענין פון א נס איז דער ענין פון חידוש; בשעת עס ווערט אבער א הנהגה תמידית אין אן אופן מתמיד – ווערט דאס אויס נס, עס ווערט טבע.

און דערמיט איז דער בעש"ט מבאר [12] דאס וואס שטייט [13] "תקעו בחודש שופר", אז עבודת האדם דארף שטענדיק זיין אין אן אופן חדש לגמרי, "בחודש", "שלא יהי' כמו חק קבוע" ווי די עבודה איז געווען לפנ"ז,

ד.ה. אפילו ניט אין אן אופן פון "חידוש הישנות", וואס דאס איז א חידוש אין א זאך וואס איז שוין געווען פון פריער, וואס דאס איז ניט דער ענין פון א נס – נאר אין אן אופן חדש ממש, וואס איז פריער בכלל ניט געווען, וואס דוקא דעמולט איז דאס ע"ד ווי הנהגה נסית.

ה. דאס האט אויך א קשר מיט תורת הבעש"ט וואס דער אלטער רבי ברענגט אין שעהיוה"א [14] אויפן פסוק [15] "לעולם ה' דברך נצב בשמים", אז די תיבות ואותיות פון די עשרה מאמרות שטייען שטענדיק אין רקיע השמים, ועד"ז "בכל הברואים שבכל העולמות עליונים ותחתונים", און זיינען זיי מחי' מחדש בכל רגע ורגע מאין ליש, און "אילו היו מסתלקות ממנה כרגע ח"ו האותיות מעשרה מאמרות שבהן נבראת הארץ (ועד"ז בנוגע צו אלע נבראים) בששת ימי בראשית היתה חוזרת לאין ואפס ממש כמו לפני ששת ימי בראשית ממש".

וואס אע"פ אז דער תוכן פון דער תורת הבעש"ט שטייט שוין אין מדרש תהלים [16] – אעפ"כ שרייבט דער אלטער רבי – "ופירש" –

---

12) כש"ט (הוצאת קה"ת) סקי"ט. סרנ"ו. 13) תהלים פא, ד.
14) פ"א. 15) תהלים קיט, פט. 16) עה"פ. וראה לקו"ת ד"פ אחרי (כה, סע"ג). סה"ש ה'ש"ת ע' 170. תש"ג ע' 146. היום יום ע' צט.



הנחה הת' בלתי מוגה

"ופירש הבעש"ט", כידוע דער פירוש אין דעם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (בשם פון די פריערדיקע-נשיאים), אז "ופירש הבעש"ט" מיינט אז ער האט דאס "פארשפרייט"[17].

וואס לפי תורת הבעש"ט זו צריך ביאור אין דעם חילוק אין דעם אויפטו פון נס לגבי טבע:

לויט תורת הבעש"ט (געבראכט אין שעהיוה"א) ווערט דאך אפילו הנהגת הטבע נתהווה תמיד מחדש מאין ליש, און אויב עס ווערט נסתלק כרגע דער דבר ה' אין הנהגת הטבע, און מ'איז עס ניט מחדש בכל רגע ורגע, ווערט דאס אוים מציאות, ביז אין אן אופן פון "אין ואפס ממש כמו לפני ששת ימי בראשית ממש", אז ס'איז קיינמאל ניט געווען א מציאות -

איז דאס דאך א חידוש פונקט ווי הנהגה נסית איז א חידוש?!

בשלמא לויט שיטת אלו (וואס דער אלטער רבי ברענגט ווייטער[18]) וואס האלטן אז דער אויבערשטער האט מהווה געווען די נבראים פעס אחת פאר 6000 יאר,

וואס אויך די שיטה איז א שיטה פון גדולי ישראל, וואס דערפאר היט זיך דער אלטער רבי ניט צו דערמאנען זיי באם נאמען, און ער היט זיך אין די ביטויים וואס ער נוצט אויף זיי,

און נאכמער: דער טעם זייערער אויף זייער שיטה איז - מצד גדלות הבורא:

מצד גדלות הבורא קען דער אויבערשטער באשאפן א מציאות מאין ליש וואס קען זיך האלטן מעצמו פאר א משך זמן, וב(דוגמת) לשון הידוע[19] - "בהעלותך את הנרות - שתהא שלהבת עולה מאלי'", דער אויבערשטער "צינדט" איר אן (ניט-אוס-שבת גערעדט) נאר איין מאל און ווייטער ברענט זי אליין.

אבער מאיזו סיבה שתהי' נעמט דער אלטער רבי ניט אן די שיטה, ואדרבה - ער איז דאס שולל בהכלית -

איז פארשטאנדיק אז ס'איז דא א חילוק צווישן הנהגה טבעית מיט הנהגה נסית: הנהגה טבעיה איז ניט א הנהגה הדשה, דאס איז א כח אלקי אין וועלט וואס איז אין איר אריינ-געשטעלט בהחלת בריאהה, וואס דער כח ווערט נמשך אויף 6000 יאר; כשא"כ הנהגה נסית איז א הנהגה הדשה בשעה דער אויבערשטער מאכט דעם נס.

- אבער -

------------

17) ראה לקו"ש ח"ה ע' 354 הע' 21. 18) ראה שעהיוה"א פ"ז. וראה שיחה ש"פ דברים, שבת חזון. 19) בהעלותך ח, ב. שבה כא, א. פרש"י עה"פ.



הנחה הה' בלתי מוגה

אבער לויט שיטה הבעש"ט (בשעהיוה"א) - דאדף מען האבן הירוצים מיט פירושים און ביאורים וואס איז דער חילוק צווישן הנהגה טבעית מיט הנהגה נסית.

ווארום סוף סוף וואס איז דער חילוק צי מ'איז מחדש א זאך וואס איז שוין געווען לפנ"ז, מ'איז דאס אבער מחדש בכל רגע ורגע מאין ואפס ממש (טבע), אדער מ'איז מחדש א זאך וואס איז פריער ניט געווען (נס) - דאס דארף אנקומען צו "ויאמר אלקים" און דאס דארף אנקומען צו "ויאמר אלקים"?!

ו. פונדעסטוועגן איז (אויך לשיטת הבעש"ט) דא א גרויסע נפק"מ צווישן הנהגה טבעית מיט הנהגה נסית, ביז א נפק"מ מן הקצה אל הקצה,

ביז אז די נפק"מ דריקט זיך אויס אויך אין צוויי באזונדערע זמנים - הנהגה טבעית איז פארבונדן מיט חודש תשרי, און הנהגה נסית - מיט חודש ניסן.

און די נפק"מ ביניהם דריקט זיך אויס אויך אין דעם וואס אין דער הנהגה תמידית פון טבע, ובלשון הקבלה, דער יחוד או"א וואס איז א יחוד תמידי - איז ניט שייך דער גאנצער ענין פון עבודה, ווארום דער יחוד איז א יחוד חד פעמי, און אע"פ אז מען דארף דאס מחדש זיין תמיד, איז דאס אבער א יחוד תמידי אין אן אופן פון חידוש הישנות, וואס דארף ניט אנקומען צו דעם ענין העבודה;

משא"כ די המשכה וואס ווערט נמשך באופן פון א הידוש ממש, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ירידה צורך עלי'" - דארף האבן דעם ענין העבודה און העלאת מ"ן בכדי דאס צו ממשיך זיין.

ז. וואס אין עבודה בפועל איז דאס ע"ד דער חילוק פון די עבודה אין אן אופן וואס "כי מטא למודים מנפשי' כרע"[20],

וואס דאס איז דאך ניט סתם אן ענין וואס זיין גוף איז "מנפשי' כרע", און זיין נשמה האט קיין שייכות ניט דערמיט ח"ו; ווארום דעמולט איז דאס גלאט גארניט, און "בשופטני לא עסקינן"[21] -

נאר דער "מנפשי' כרע" איז אן ענין וואס איז געקומען ע"י עבודתו, אז ער האט זיך איינמאל מתבונן געווען אין ההווות יש מאין, און דאס האט גע'פועל'ט אויף זיין הרגש

- ביז -

------------

20) ירושלמי ברכות פ"ב סוף ה"ד. תוד"ה עיון - שבת קיח, ב. ועוד. 21) ראה ב"ב מז, א. ועוד.

ביז אויף זיין הנהגה בפועל, אז "כי מטא למודים" איז "מנפשי' כרע", און יעדער מאל וואס "מטא למודים" איז "מנפשי' כרע" אין אן אופן פון חידוש הישנות.

וואס דאס איז אן עבודה פארבונדן מיט הנהגת הטבע, אין אן אופן תמידי אן שינויים.

דערנאך איז דא אן עבודה אין אן אופן פון הנהגה נסית, אין אן אופן פון חידוש - אז יעדער מאל וואס "מטא למודים" איז ניט "מנפשי' כרע" מצד דער התבוננות וואס איז ביי אים פריער געווען, נאר ער איז זיך מתבונן מיט א התבוננות חדשה אין התהוות יש מאין, וואס די התבוננות איז העכער פאר דער התבוננות וואס איז ביי אים געווען פריער - און די התבוננות פועל'ט אז ווען עס קומט צו מודים זאל ער כורע זיין "עד שיתפקקו כל חוליות שבשדרה"[22].

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק דער עילוי אין דער עבודה אין אן אופן פון חידוש (הנהגה נסית) לגבי דער עבודה אין אן אופן תמידי (הנהגה טבעית) - אז דורך דער עבודה אין אן אופן פון חידוש דערגרייכט ער א סאך א העכערע דרגא ווי ער איז געשטאנען פריער.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס הנהגה נסית (בעבודה שלו) איז אים מגביה, "נס" מלשון "ארים[23] נסי"[24], משא"כ עבודתו באופן תמידי, וואס איז פארבונדן מיט הנהגה טבעית, טוט דאס ניט אויף.

ח. וואס דאס זיינען בכללות די צוויי ענינים פון "מסעי" און "מטות":

"מסעי" איז דער ענין פון הנהגה נסית, אז ער ווערט נתעלה אין אן אופן פון חידוש, און "מטות" איז דער ענין פון הנהגה טבעית, אז ער שטייט בחוקף בדרגתו אין אן אופן תמידי, אן שינויים.

ועפ"ז וועט מען פארשטיין די שייכות פון "מסעי" מיט דעם ענין פון שבת מבה"ח מנחם-אב, וואס דאס איז א שייכות וואס איז אלעמאל דא, כנ"ל (ס"א):

דער חודש ווערט אנגערופן לויט מנהג ישראל (ניט נאר בשם "אב", נאר) בשם "<u>מנחם</u> אב"[25]. והביאור בזה:

- "מנחם" -

---

22) ברכות כח, ב. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סקי"ג ס"ד.
23) ישעי' מט, כב. 24) ראה סידור מד, ב. סה"מ תרע"ח ע' פט. ובכ"מ. וראה פרש"י עה"פ יתרו כ, יז. חקת כא, ח.
25) ראה גם לקו"ש י"ב-י"ג הכוז השל"ח סוס"ג ובהנסמן שם.



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

"מנחם" איז מלשון נחמה, וואס דער ענין פון נחמה טייטשט אפ רש"י אין סוף פ' בראשית, אז דאס איז דער ענין פון חרטה על העבר, ד.ה. א שינוי לגבי דעם מצב ווי ס'איז געווען לפנ"ז, ביז צו חרטה לגמרי אויף וואס איז געווען פריער.

אין סוף פ' בראשית רעדט זיך אבער וועגן א שינוי לגריעותא; דערנאך איז דא דער "נחמו נחמו"[26], נחמה בכפלים[27], א חרטה און א שינוי למעליותא.

וואס בנוגע צו חודש מנחם-אב איז דאס:

חודש אב איז דער "חודש החמישי"[28], וואס ער איז דער מקור פון אלע ענינים בלתי רצויים, כמבואר בכ"מ עה"פ[29] "בחדשה ימצאונה", וואס דאס גייט אויף חודש החמישי, חודש אב[30].

וואס בפשטות מיינט דאס - אז חודש החמישי, חודש אב, איז א מצב פון ירידה.

די כוונה אבער אין דער ירידה איז - אז דערנאך זאל זיין דער ענין פון "מנחם", עס זאל זיין א חרטה און א שינוי למעליותא אין דעם מצב, ביז אז עס ווערט א חידוש אין דעם מצב, אז פון דער ירידה קומט מען צו אן עלי' נעלית ביותר, העכער ווי מ'איז געשטאנען פאר דער ירידה.

וואס דאס איז בדוגמא ווי הנהגה נסית, אז ניט מ'בלייבט שטיין בתוקף אין דעם זעלבן מעמד ומצב און שינויים - נאר עס ווערט א חידוש אין דעם מעמד ומצב, און פון א מצב בתכלית הירידה קומט מען צו א מצב פון תכלית העלי', וואס בפנימיות איז די ירידה בשביל העלי' וואס וועט דערנאך זיין.

ט. דערמיט וועט מען פאדשטיין דעם טעם פאדוואס מ'לייענט אלעמאל פ' מסעי בסמיכות צו שבת מבה"ח מנחם-אב, דער שבת וואס בענטשט ר"ח מנחם-אב:

איידער מ'גייט אריין אין חודש מנחם-אב, חודש החמישי, וואס בגלוי איז ער א חודש וואס אין אים שטייט מען אין א מצב פון ירידה -

לייענט מען פ' מסעי בכדי צו געבן אן עידוד און א נתינת כח מיוחדה אז די ירידה אין וועלכע מ'גייט אריין איז

- ניט -

---

26) ישעי' מ, א. 27) איכ"ר ספ"א. יל"ש ישעי' עה"פ (רמז חמה). 28) ירמי' א, ג. 29) שם ב, כד. 30) ראה פרש"י עה"פ.



הנחת הת' בלתי מוגה

ניט קיין ירידה בשביל ירידה ח"ו - נאר דאס איז בכדי אז דערנאך זאל זיין דער ענין פון "מסעי", אז מ'זאל אוועקפארן פון דעם מצב, ביז אז אין דערויף וועט זיין א חידוש און ער וועט צוקומען צו א העכערע עלי' לגבי ווי ער איז געשטאנען איידער די ירידה,

ביז אז די עלי' איז באי"ע העכער פון ווי ער איז געשטאנען לפנ"ז, ווארום וויבאלד אז ביי אים איז דאך געווען דער אמת'ער ענין פון "מסעי", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם אמת'ן ענין פון הליכה, און דער אמת'ער ענין פון הליכה, איז דוקא באופן פון אין ערוך[31].

און צוליב דער עלי' וואס קומט צו דורך דער ירידה - האט מען געדארפט האבן די גאנצע ירידה.

און ווי גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות[32] דער פירוש פון דעם אלטן רבי'ן אין חינוך קטן אויפן פסוק[33] "שבע יפול צדיק וקם", אז אפילו בשעת א צדיק וויל צוקומען צו א העכערע דרגא פון דער דרגא אין וועלכע ער שטייט, איז "טרם שיגיע למדריגה עליונה ממנה הוא בבחי' נפילה ממדריג' הראשונה", ד.ה. אז עס מוז פריער זיין א ירידה און ערשט דערנאך קען ער צוקומען צו דער עלי' נעלית יותר.

וואס דאס איז אפילו בנוגע צו צדיקים ("שבע יפול צדיק וקם"); ועאכו"כ בנוגע צו בעלי תשובה, אז דורך זייער ירידה ווערן זיי נתעלה צו א העכערע דרגא לגבי ווי זיי זיינען געשטאנען איידער זייער ירידה.

י. וואס דאס איז דער תוכן פון "אלה מסעי" - אז א איד האלט אין איין פארן:

פריער איז דא די ירידת הנשמה בגוף, וואס דאס איז א ירידה אין גלוה, דערנאך איז דא נאך א ירידה, אז די נשמה בגוף איז יורד אין גלות כפשוטו, כמבואר אין אגה"ק[34] די צוויי גליות, גלות בתוך גלות.

די כוונה אבער פון דער ירידה אין גלות איז - בשביל העלי', אז בשעה ער איז יורד אין גלות זאל ער דארטן מברר זיין די ניצוצי קדושה וואס געפינען זיך דארט, כמרז"ל[35] "צדקה עשה הקב"ה בישראל שפיזרן לבין האומות", וואס די כוונה פון דעם "פיזרן לבין האומות" איז - בכדי אז א איד זאל ארויסנעמען די ניצוצי קדושה וואס געפינען זיך "בין

- האומות" -

---

31) ראה ד"ה צאו"ר תר"ס. 32) שיחת ש"פ חקת. 33) משלי כד, טז. 34) ס"ד. 35) פסחים פז, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

האומות"[36].

און דאס וואס מ'זאגט אז "מפני חטאינו גלינו מארצנו" - איז ניט דער פירוש אין דעם, אז דאס איז נאר "מפני חטאינו" און ניט צוליב מברר זיין די ניצוצי קדושה וואס געפינען זיך אין גלות, און דורך דערויף צוקומען צו א העכערע עלי' -

נאר דער פירוש אין דעם איז, אז דער בירור פון די ניצוצי קדושה האט געקענט זיין אין אן אנדער אופן, אין אן אופן אז ער זאל בלייבן במקומו, און פון דארטן ממשיך זיין אור וואס דער אור וועט צוציען די ניצוצי קדושה בעולם, ע"ד ווי ס'איז געווען בזמן שלמה המלך[37];

"חטאינו" אבער האבן גורם געווען אז עס זאל זיין "גלינו מארצנו", און עס זאל זיין "פיזרן לבין האומות", אז מ'דארף ארויסגיין אין וועלט לכל מקום ומקום, צו געפינען די ניצוצי קדושה און זיי מברר זיין.

אבער לאידך גיסא - איז דורך דער ירידה אין גלות, קומט צו א מעלה וואס וואלט ניט געווען אויב עד וואלט געבליבן במקומו און פון דארטן מברר געווען די ניצוצי קדושה,

די מעלה פון "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[38].

יא. און דער עידוד און נתינת כח אויף קענען דורכגיין דעם מצב פון ירידה אין גלות, וואס בכללות איז דאס דער תוכן פון (די התחלה פון) חודש מנחם-אב - האט מען דערפון וואס אידער מ'גייט אריין אין דעם חודש לייענט מען אלעמאל פ' מסעי,

אז ס'איז "אלה מסעי בני ישראל אשר יצאו מארץ מצרים", מ'פארט אדויס פון מצרים, און מ'האלט אין איין גיין אין דער ריכטונג פון ארץ ישראל, און מיט יעדער מסע ווערט מען נתעלה העכער און העכער אויפן וועג צו ארץ ישראל, ביז מ'קומט אן צו עבר הירדן מזרחה, און דערנאך איז "עמדו הכן כולכם"[39] צו אריבערגיין לעבר הירדן מערבה, אין דער "ארץ טובה ורחבה"[40],

און אפילו נאך שטייענדיק אין עבר-הירדן מזרחה - נעמט מען איין ארץ סיחון ועוג, ווי דערציילט אין פ' מטות, די פרשה וואס קומט פאר ובהקדמה צו פ' מסעי.

- און -

---

36) ראה תו"א ר"פ לך לך. תו"ח ר"פ חיי שרה. ביאוה"ז (לאדהאמ"צ) קלו, א ואילך. ובכ"מ. 37) ראה לקו"ת במדבר ג, ד ואילך. סה"מ תרנ"ט ע' קסב. ובכ"מ. 38) ע"פ ל' הכתוב - קהלת ב, יג. 39) לשון כ"ק אדמו"ר הריי"צ במכתבו - נדפס בסה"מ קונטרסים ח"ב שצז, ב. 40) שמות ג, ח. ועוד.



הנחת הת' בלתי מוגה

און דאס לייענט מען אין קריאת התורה פון דעם שבת, וואס דערפאר גיט דאס נאכמער ברכה והמשכה ועידוד אין דעם קומענדיקן ר"ח מנחם-אב - ווארום דער ענין פון קריאת התורה איז, ווי דער אלטער רבי איז מבאר[41], "כאדם הקורא לחבירו", און נאכמער - "כבן קטן הקורא לאביו" - גיט דאס דאך זיכער דעם כח צו ממשיך זיין די אלע ענינים פון "מסעי" אין דעם חודש אב.

יב. דערנאך קומט צו בשנים מיוחדות די הוראה און נתינת כח נוספת פון פ' מטות - דער ענין פון שטיין בתוקף אן שינויים:

אע"פ וואס ביי אים איז געווען א ירידה ממדריגתו, בבדי אז דערנאך זאל זיין אן עלי', דער ענין פון "שבע יפול צדיק וקם", כנ"ל (ס"ט) -

איז די ירידה אבער נאר לגבי מדריגתו אין דעם ענין אין וועלכן ער דארף נתעלה ווערן,

אבער אין שאר הענינים פון דעם מענטשן איז ניט געווען קיין ירידה ונפילה.

קומט די קביעות פון שנה זו, וואס מ'לייענט אין שבת מבה"ח מנחם-אב פ' מטות (בנוסף צו פ' מסעי), און גיט ארויס א הוראה און א נתינת כח, אז נוסף לזה וואס פ' מסעי לערנט און גיט כח אז אפילו ווען מ'שטייט אין א מצב פון ירידה פון חודש מנחם-אב - דארף מען וויסן אז דאס איז נאר בשביל העלי' וואס וועט דערנאך קומען,

איז נוסף לזה - אין די ענינים וואס אין זיי איז ניטא קיין ירידה - דארף ער שטיין בכל התוקף אן קיינע שינויים.

ד.ה. אז די ירידה זאל זיין נאר אין די ענינים וואס אין זיי איז מוכרח אז עס זאל זיין א ירידה, און אויך אין זיי א ירידה נאר לפי המוכרח (בבדי אז עס זאל דערנאך קענען זיין אן עלי'); אבער אין שאר כל הענינים דארף ער שטיין בתוקף, און ניט יורד זיין ממדריגתו ח"ו.

יג. וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו כללות הירידה אין גלות כפשוטו:

נאכן חורבן הבית, ווען אידן זיינען אריין אין גלות, איז בכל געווארן די אפשריות צו מקיים זיין די מצוות התלויות בביהמ"ק, ובפרט אין חו"ל.

וואס אמה טאקע אז אידן זיינען אין דערויף אנוסים,

- און -

---

41) הניא ספל"ז. וראה לקו"ת ויקרא ה, ב.

און "אנוס רחמנא פטרי׳"[42], ביז אז דאס איז גאר א גלות ע"פ תורת אמת, "אנוס ע"פ הדבור"[43] -

פונדעסטוועגן, איז דער מצב אין גלות ביחס צו די מצוות התלויות בביהמ"ק - אין אן אופן פון ירידה ונפילה לגבי ווי דער מצב איז געווען בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים.

ובמבואר אין לקו"ת[44] אז אע"פ וואס "תפלות במקום קרבנות תקנום"[45] - קומט אבער ניט דער ענין התפלות צו הקרבת קרבנות גשמיים אויפן מזבח בביהמ"ק, וואס דאס האט געקענט זיין נאר אין דעם ביהמ"ק הגשמי בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים, מצד דעם אור גדול וואס האט דעמולט מאיר געווען.

דאס איז אבער נאר בנוגע צו די מצוות התלויות בביהמ"ק; בנוגע אבער צו שאר המצוות (וואס זיינען ניט תלויות בביהמ"ק) - זייענען זיי מיטן זעלבן תוקף בזמן הזה, אין גלות, ווי זיי זיינען געווען בזמן הבית,

ווארום "אונזערע נשמות האט מען אין גלות ניט פארטריבן", במילא איז "וואס עס איז נוגע צו אונזער דת, תורה ומצוות ומנהגי ישראל, האבן מיר אידן אויף זיך ניט קיין דעה זאגער"[46].

יד. נוסף צו די צוויי הוראות הנ"ל, די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון פ׳ מסעי, אז די ירידה איז צורך עלי׳, און די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון פ׳ מטות, אז אין שאר הענינים וואס אין זיי דארף ניט זיין קיין ירידה - זאל מען שטיין בכל התוקף -

קומט צו די הוראה פון ביידע ענינים ביחד, פון מטות און מסעי ביחד, וואס בידע פון זיי לייענט מען צוזאמען אין היינטיקן שבת (מבה"ח מנחם-אב) ווי איין פרשה.

וואס לכאורה: ווי קענען די צוויי ענינים שטיין צוזאמען - זיי זיינען דאך הפכיים (כנ"ל ס"ב), ובמילא איז אויך ניט פארשטאנדיק ווי מ׳קען ארויסלערנען א הוראה פון די ביידע ענינים ביחד?!

איז די הסברה בזה - ע"ד ווי ס׳איז מבואר אין ספרי בנוגע צו אהבת ה׳ און יראת ה׳:

עס שטייט אין ספרי[47] אז "אין לך אהבה במקום יראה

- ויראה -

------------

42) נדרים כז, א. וש"נ. 43) הגש"פ פיסקא וירד מצרימה. 44) פינחס עו, סע"ב ואילך. וראה גם שם עה, סע"ב. 45) ראה ברכות כו, ב. 46) לקו"ד כרך ד תרצב, א. 47) עה"פ ואתחנן ו, ה.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

ויראה במקום אהבה אלא במדת הקב"ה בלבד": אהבה און יראה זיינען צוויי הפכים, וואס דערפאר קענען זיי ניט זיין בבת אחת אין עניני העולם, משא"כ בא דעם אויבערשטן קענען זיין ביידע זאכן צוזאמען, ווי עס שטייט[48] "ואהבת את ה' אלקיך", און "את ה' אלקיך תירא"[49].

וואס מ'קען דאך ניט זאגן אז אהבה און יראה צו דעם אויבערשטן זיינען אין צוויי באזונדערע זמנים, ובמילא איז פארשטאנדיק ווי עס קענען זיין ביידע ענינים -

ווארום דער חינוך[50] שרייבט, אז די צוויי מצוות פון אהבת ה' און יראת ה' איז "חיובן תמידי לא יפסוק מעל האדם אפילו רגע בכל ימיו".

וואס דערפון קומט דאך אויס אז "במדת הקב"ה", ד.ה. אין עבודת האדם להקב"ה, קענען זיין צוויי הפכים בבת אחת אין דעם זעלבן זמן.

וואס ער"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די צוויי הוראות און עבודות פון "מסות" און "מסעי" - אז כאטש זיי זיינען הפכים, קענען זיי זיין בבת אחת אין עבודת האדם להקב"ה.

טו. והביאור בזה:

דורך דערויף וואס די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות (וואס דערפאר שטייט ער בתוקף בנוגע צו אלע ענינים וואס אין זיי איז ניט געווען קיין ירידה - "מסות") - פועל'ט די נשמה אויך אויפן גוף אז ער זאל אויך ניט זיין אין גלות.

א ראי' און דוגמא אויף דערויף (אז די נשמה פועל'ט אויפן גוף) - האט מען פון א דין אין שו"ע בנוגע צו עירוב החומין:

דער דין בא עירוב תחומין איז[51], אז אויב "דעתו" פון דעם מענטשן איז "במקום מזונותיו", וואס "מזונותיו" איז דאך פארבונדן מיט גוף האדם, כמובן בפשטות - אעפ"כ "ה"ז כאילו הוא עצמו שבת שם".

עד"ז בנוגע לענינינו - אז די נשמה פועל'ט אויפן גוף אז ער זאל ניט זיין אין גלות, ווארום וויבאלד אז "דעתו" פון דעם אידן איז צו טאן רצון ה'[52], וואס רצון ה' איז אז דער גוף זאל זיין טפל צו דער נשמה[53] - איז אזוי ווי די

- נשמה -

------------

48) ואתחנן שם. 49) עקב י, כ. 50) באגרת המחבר בריש ספר החינוך (בסופה). 51) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סת"ח. 52) ראה רמב"ם הל' גירושין ספ"ב. 53) ראה תניא רפל"ב.

נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות, עד"ז ווערט אויפגעטאן אין גוף אז ער זאל אויך ניט זיין אין גלות.

וואס דאס איז ווי די צוויי ענינים פון "מטוה" און "מסעי" שטייען ביחד - אז די נשמה, וואס זי איז ניט געגאנגען אין גלוה (דער ענין פון "מטוה"), פועל'ט אויפן גוף, וואס מצ"ע איז ער אין א מצב פון ירידה אין גלוה - אז אויך ער זאל ניט זיין אין גלות (דער ענין פון "מסעי").

טז. האמור לעיל בנוגע למעשה בפועל:

מ'דארף ארויסגיין אין גאס און זוכן א אידן וואס איז א "גלות איד", און טאן מיט אים אין ענינים פון אידישקייט.

וואס אע"פ אז ער איז א "גלות איד" - דארף אבער זיין "אל תבט אל מראהו"[54], ווארום בפנימיות האט ער א נשמה, וואס די נשמה איז קיינמאל ניט געגאנגען אין גלות, און מצד דערויף איז דער איד בשלימות מיטן גאנצן תוקף פונקט ווי ער איז געווען אין זמן הבית, איידער ס'איז געווארן ירידת הגלות.

וויבאלד אבער בחיצוניות געפינט ער זיך אין גלות, ער איז פון "הנחשלים אחריך"[55], וואס זיי געפינען זיך אין אן ארט וואו ס'איז דא עמלק, וואס ער איז "קרך בדרך"[56] - ער ווארפט אריין קאלטקייט[57], און "עמלק בגימטריא ספק"[58], מיט די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט עמלק - דערפאר דארף מען ארויסגיין פון די שבעה ענני ם, "צא מן הענן"[59] און גיין טאן מיט "הנחשלים אחריך".

ווארום די גאנצע כוונה פארוואס דער אויבערשטער האט אים אראפגעשיקט אין עוה"ז אין גלות אין אן אופן פון "פיזרן לבין האומות", איז - בכדי צו געפינען ניצוצי קדושה און זיי מברר זיין,

וואס בפשטות מיינט דאס - צו געפינען נאך א איד אין דעם "מדבר העמים", וואס אין אים איז דא "נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים"[60], און ארויסהעלפן אים.

און ס'איז א הכרח אזוי צו זאגן - ווארום מ'קען ניט

- זאגן -

---

54) ל' הכתוב - ש"א טז, ז. 55) תצא כה, יח ובפרש"י. 56) תצא שם. 57) ראה תנחומא תצא ט. פרש"י עה"פ. וראה סה"מ פר"ת ע' רצג ואילך. קונטרסים ח"ב רפה, ב ואילך. 58) סה"מ קונטרסים שם רפז, סע"א. ד"ה ויאמר משה תש"ט פי"ג (סה"מ תש"ט ע' 65). ועוד. 59) פרש"י עה"פ בשלח יז, ט. 60) עקב ח, טו.

זאגן אז דער אויבערשטער האט געשיקט אידן אין גלות סתם צו מאטערן זיי ח"ו - נאר ס'איז א זיכערע זאך אז דאס איז צוליב דעם אז מ'זאל געפינען נאך א ניצוץ קדושה, און נאך א אידן אין גלות, און אים ארויסהעלפן בכל העניינים שלו.

יז. די עבודה פון ארויסגיין אין גאס און טאן מיט א צווייטן אידן, איז נאכמער בהדגשה אין דעם זמן פון בין המצרים.

וואס לכאורה קען ער דאך מיינען, אז אין אזא זמן וואס איז היפך פון יומין זכאין, קען דאך זיין אז דאס (דער ארויסגיין אין גאס און טאן מיט א צווייטן אידן) זאל אויף אים פועל'ן בעבודתו היפך דעם ענין וואס יומין זכאין פועל'ן - במילא דארף ער זיך וואס מער מחזק זיין אין אזא זמן, און ער דארף זיך פארשפארן און איינשליסן אין א צימער, אין ישיבה, אין א ביהכ"נ, און דארטן טאן מיט זיך, אין די "שלשה דברים" שעליהם "העולם עומד" און "העולם קיים"[61].

ביז - טאן מיט זיך אויך דעם ענין פון גמילות חסדים - ווי דער אלטער רבי ברענגט אין תניא[62], דעם מאמר פון הלל הזקן[63] "שהוא הולך לגמול חסד עם העלובה ועני' הוא גופו".

זאגט מען אים פונקט פארקערט:

דוקא דורך דעם וואס ער איז "צא מן הענן", און ער האט צוטאן מיט "הנחשלים אחריך" - קומט ער צו צו א דרגא וואו ער אליין וואלט ניט געקענט צוקומען דורך עבודתו מיט זיך,

וואס ס'איז דאך ידוע אינגש בנפשי' אין זמן פון עקבתא דמשיחא און אין חו"ל וואו מ'האלט, זאגט מען אים, אז דורך דערויף וואס ער גייט טאן מיט א צווייטן - פועל'ט עס אז ער אליין זאל צוקומען צו א דרגא וואו ער וואלט ניט געקענט צוקומען לולא זאת.

וואס די עבודה פון "צא מן הענן" איז טאקע א ירידה ונפילה פון דעם מעמד ומצב ווי ער איז געשטאנען בתוך הענן - אבער די ירידה איז צורך עלי', די ירידה פועל'ט אז זיין עבודה זאל זיין אין א העכערן אופן, דער ענין פון "מסעי",

און לאידך גיסא - כאטש ער איז טאקע יורד ממדריגתו און האט צוטאן מיט א צווייטן אידן - איז אבער אין שאר כל עניניו איז ביי אים "מסות", ער שטייט מיט א הוקף אן שינויים, ובמילא איז ער פארזיכערט אז ער וועט ניט

- אראפפאלן -

---

61) אבות פ"א מ"ב. שם, מי"ח. 62) פכ"ט (לו, א).
63) דאה ויק"ר פל"ד, ג.

אראפפאלן דורך דערויף וואס ביי אים איז געווען "צא מן הענן", ובפרט אין דעם זמן פון בין המצרים.

יח. וואס דעם כח לזה האט מען דערפון וואס מ'לייענט בתורה אין דעם שבת מבה"ח מנחם-אב סיי פ' מטות און סיי פ' מסעי,

ביז אז מ'לייענט זיי אלס איין פרשה - כמדובר כמ"פ[64] אז צו רביעי לייענט מען דעם סיום פון פ' מטות צוזאמען מיט דער התחלה פון פ' מסעי, ביז אז די ברכות לפני' ולאחרי' ווערן געמאכט אויף די פסוקים פון ביידע סדרות צוזאמען.

ועד"ז זעט מען דאס בהדגשה, אין דעם וואס יעדן טאג פון דער וואך ווערט אנגערופן א טאג פון פ' מטות-מסעי, ניט אז די ערשטע דריי טעג פון וואך זיינען שייך צו פ' מטות, און די אנדערע דריי טעג פון וואך צו פ' מסעי - נאר די גאנצע וואך איז שייך צו פ' מטות-מסעי,

ביז ווי מ'זעט אז מנהג ישראל איז - אז בשעת מ'שרייבט א בריוו ביום ראשון בשבוע (פון פ' מטו"מ) שרייבט מען דעם תאריך - יום א' פ' מטות-מסעי, ועד"ז ביום ששי בשבוע - שרייבט מען יום ו' פ' מטות-מסעי.

יט. און פ' מטות-מסעי פועל'ט אין דעם שבת מבה"ח מנחם-אב, אז מ'איז מברך ראש חודש אב אין אן אופן פון "מטות" און "מסעי",

מיט די אלע ו' לשונות ביז צו "לישועה ולנחמה", און דערנאך איז מען מסיים "ונאמר אמן", וואס "אמן" טוט-אויף א קיום און אן אמת אין דער ברכה, ביז צו אמת לאמיתו,

ביז צו דער גאולה האמיתית, גאולה שאין אחרי' גלות[65].

און יהפכו ימים אלו "לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[66] נאך פאר ראש חודש מנחם-אב, וואס דעמולט וועט ראש חודש מנחם-אב תש"מ בדרך ממילא זיין בתכלית השלימות,

און עס וועט זיין "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו . . כמצות רצונך", און מ'וועט ניט דארפן אנקומען צו דעם ענין פון "תתחטאו ביום השלישי וביום השביעי" (ווי עד זאגט אין פרשתנו[67]) - ווארום מ'וועט מקריב זיין קרבנות ציבור, וואס זיי זיינען דוחה את הטומאה[68].

- אבער -

---

64) ראה גם לקו"ש מטו"מ הנ"ל ס"ג. 65) ראה תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. 66) זכרי' ח, יט. רמב"ם סוף הל' תעניות. וראה טור או"ח סו"ס תקפ. 67) מטות לא, יט. 68) פסחים פ, א.

אבער דא איז ניט נוגע די שקו"ט בדבר; דא איז נוגע דער פועל ממש - אז מ'זאל עולה זיין דעם ראש חודש מנחם-אב אין ארץ ישראל, ווי ער זאגט אין ילקוט שמעוני[69], אז "כשיגע הקץ אתם עתידים להיות עולם שם (ניט נאר "שלש פעמים בשנה"[70], נאר אויך) בכל חודש וחודש",

ביז (ווי עס שטייט אין א צווייטן ארט[71]) אז מ'וועט אויך עולה זיין "בכל שבת כו'", כמ"ש[72] "והי' מדי חודש בחדשו ומדי שבת בשבתו יבוא כל בשר להשתחוות לפני אמר ה'",

וואס אויף דערויף פרעגט מען[73] "והאיך אפשר שיבוא כל בשר בירושלים בכל חודש ובכל שבת כו'", און מ'פארענטפערט[73] אז "העבים באין וטוענין אותם ומביאין אותם לירושלים כו'", ווי עס שטייט[74] "מי אלה כעב תעופינה גו'".

און עס זאל אזוי זיין בפשטות, למטה מעשרה טפחים, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

כ. כמדובר כמ"פ במשך השנה, אז שנה זו איז אויסגעטיילט פון שאר כל השנים דערמיט וואס די איז א שנה השביעית, "שבת לה'"[75],

וואס דאס טיילט אויס ניט נאר כללות השנה פון שאר כל השנים, נאר אויך כל רגע ורגע פון שנה זו פון כל הרגעים פון שאר כל השנים; יעדער רגע פון שנה זו איז א רגע פון א שנה השביעית, "שבת לה'".

ובפרט ווען עס קומט א תקופה חדשה בשנה זו, די תקופה פון "בין המצרים", און פון די ניין טעג, און מערער בכללות - פון גאנץ חודש אב - איז זיכער דא א נפק"מ צווישן דער תקופה בשנה זו, שנה השביעית, לגבי דער זעלבער תקופה בשאר כל השנים.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו היינטיקן שבת מבה"ח מנחם-אב (וואס איז מברך ר"ח מנחם-אב) - אז ער איז אויס-געטיילט פון שבת מבה"ח מנחם-אב בשאר כל השנים, וויבאלד אז דאס איז שבת מבה"ח מנחם-אב פון א שנה השביעית, "שבת לה'".

כא. והביאור בזה:

- דער -

---

69) ישעי' בסופו (רמז תקיד). 70) משפטים כג, יז. ראה טז, טז. 71) פס"ר פרשה שור"ח (ב). וראה ד"ה והי' מדי חודש דש"פ מטו"מ השל"ז בהערה. 72) ישעי' סו, כג. 73) פס"ר שם (ג). הובא בילק"ש שם רמז תקג. 74) ישעי' ס, ח. 75) בהר כה, ב-ד.

דער ענין פון שנה השביעית איז - "שבת לה׳", ד.ה. אז אין דעם יאר שטייען אידן, און דער אויבערשטער (וויבאלד אז "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[76]), ע"ד ווי זיי שטייען ביום השבת - אין א מצב פון תענוג, "וקראת לשבת עונג"[77], וואס דעמולט איז בדרך ממילא אין עצב בה[78], און בדרך ממילא - "לא הביט און ביעקב ולא ראה עמל בישראל"[79], וואס עמל איז בפשטות דער ענין פון יגיעה.

און ס׳איז ניט דער פירוש אז ביום השבת טוט מען גארניט קיין עבודה - נאר ס׳איז א זיכערע זאך אז אויך דעמולט איז דא עבודה,

ואדרבה - דעמולט איז תכלית השלימות פון עבודה, ווארום דעמולט איז "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"[80] פון די ששה ימים שלפנ"ז, "ויכולו" מלשון שלימות[81] - ד.ה. אז ביום השבת איז די שלימות פון מעשינו ועבודתנו אין די ששה ימים שלפנ"ז, ובמילא דארף אויך עבודתו דעמולט זיין אין אזא אופן, ווארום עס קען דאך ניט זיין דער ענין פון "נהמא דכסופא"[82], עס מוז זיין דער ענין פון "קב שלו"[83],

אבער צוזאמען דערמיט איז די עבודה ביום השבת מתוך תענוג.

כב. האמור לעיל איז בנוגע צו שנה השביעית בכלל, אז זי איז "שבת לה׳" לגבי די ששה שנים שלפנ"ז, בדוגמא ווי יום השבת איז לגבי די ששה ימים שלפניו;

דערנאך קומט צו נאך א העכערע דרגא, וואס דאס איז די דרגא פון יום השבת בשנה השביעית גופא, וואס דאס איז דער ענין פון שבת אין שבת ("שבת לה׳") גופא, ובלשון הכתוב[72] "שבת בשבתו", וואס איינער פון די פירושים אין דעם איז[84] אז אין שבת גופא איז דא דער ענין השבת.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז ע"ד ווי יום השבת איז לגבי ימות החול, אז ימות החול זיינען עולה ביום השבת - עד"ז זיינען ימות החול פון שנה השביעית לגבי ימות החול פון די ששה שנים שלפנ"ז - אז ימות החול פון די ששה שנים

- זיינען -

---

76) תהלים קמז, יט. וראה שמו"ר פ"ל, ט. 77) ישעי׳ נח, יג. 78) ראה תוד"ה מ"ד - מו"ק כג, ב. מירושלמי ברכות פ"ב סוף ה"ז. 79) בלק כג, כא. וראה לקו"ת בלק עב, א.
80) בראשית ב, א. 81) ראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך.
82) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, ריש ע"ד.
83) ראה ב"מ לח, א. וראה לקו"ש חט"ו ס"ע 94 ואילך ובהנסמן שם בהע׳ 14. 84) ראה לקו"ת ברכה צז, ג-ד.

זיינען עולה אין ימות החול פון שנה השביעית, "שבת לה׳".

ועד"ז איז בנוגע צו די שבתות פון שנה השביעית לגבי די שבתות פון די ששה שנים שלפנ"ז – אז די שבתות פון די ששה שנים זיינען עולה אין די שבתות פון שנה השביעית, "שבת לה׳".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שבת זה, שבת מבה"ח מנחם-אב, וואס עד איז דער שבת מבה"ח מנחם-אב אין א שנה השביעית – אז אלע שבת מבה"ח מנחם-אב פון די ששה שנים שלפנ"ז זיינען עולה אין דעם שבת מבה"ח מנחם-אב.

כג. לכאורה וואלט מען אויף דערויף אבער געקענט פרעגן:

דער חילוק צווישן שנה השביעית מיט די ששה שנים שלפנ"ז באשטייט אין דעם וואס אין די "שש שנים" דארף זיין "הזרע שדך" און "תזמור כרמך"[85], משא"כ "בשנה השביעית" איז "שבת שבתון יהי׳ לארץ . . שדך לא תזרע וכרמך לא תזמור"[86].

וואס דער גאנצער ענין פון "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" איז שייך נאר בימות החול, משא"כ בשבת ויו"ט איז ניטא דער ענין.

לפ"ז וואלט מען לכאורה געקענט זאגן, אז דער גאנצער חילוק צווישן שנה השביעיה מיט די ששה שנים שלפניו איז נאר בנוגע צו די ימות החול פון שנה השביעיה לגבי די ימות החול פון די ששה שנים שלפניו; משא"כ בנוגע צו שבת ויו"ט איז ניטא קיין חילוק און קיין מעלה אין שבת ויו"ט פון שנה השביעיה לגבי שבת ויו"ט פון די ששה שנים שלפניו.

איינער וואס האט אבער א גלייכע קאפ וועט קיינמאל ניט זאגן אזא זאך, ס׳איז א קרומע זאך וואס קרימער קען ניט זיין – צו זאגן אז די מעלה פון שנה השביעית לגבי די ששה שנים שלפניו איז נאר בנוגע צו די ימות החול פון שנה השביעית, אבער בנוגע צו שבת ויו"ט, וואס שבת ויו"ט זיינען בכל השנים העכער פאר ימות החול, ביז אז מ׳זאגט "המבדיל בין קודש לחול", ועד"ז זאגט מען אין שנה השביעית – איז ניטא קיין מעלה אין שבת ויו"ט פון שנה השביעית לגבי שבת ויו"ט פון די ששה שנים שלפניו!

און ווי ס׳איז פארשטאנדיק אויך בפשטות:

מפרשים[87] זאגן אז אין שנה השביעית דארף מען אויסנוצן

– דעם –

---

85) בהר שם, ג. 86) שם, ד. 87) ספורנו עה"פ שם, ב-ד. וראה מכתבים כלליים דח"י אלול ה׳תשל"ט וי"א ניסן ש.ז. וש"נ.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

דעם זמן הפנוי וואס מ'האט דערפון וואס מ'איז באפרייט געווארן פון עבודת האדמה, אויף ענינים פון אידישקייט, לימוד התורה וכיו"ב.

און ס'איז דאך פארשטאנדיק בפשטות אז ס'איז אינו בדומה א שבת וואס קומט נאך ששת ימים וואס מ'האט זיך עוסק געווען אין ענינים פון אידישקייט אין לימוד התורה וכו', לגבי א שבת פון שאר השנים, וואס קומט נאך ששת ימים וואס מ'האט זיך ניט אזוי עוסק געווען אין לימוד התורה וכו'.

ונוסף לזה:

ס'איז דאך דא דער כלל[88] אז "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", ד.ה. אז אע"פ וואס שבת איז "מקדשא וקיימא"[89] (ניט ווי יו"ט וואס "ישראל (ד)קדשינהו לזמנים"[90]), פונדעסטוועגן ווערט ניתוסף אין דעם "יאכל בשבת" דורך דעם "טרח בערב שבת".

וואס דערפאר, איז בשעת דער שבת קומט נאך אזעלכע ימות החול וואס דער "טרח" אין זיי איז געווען בעיקר אין לימוד התורה וכו' - איז פארשטאנדיק אז דער "יאכל בשבת" אין דעם שבת איז א סאך העכער ווי דער "יאכל בשבת" אין א שבת וואס קומט נאך אזעלכע ימות החול וואס אין זיי איז דער "טרח" ניט געווען אזוי פארבונדן מיט לימוד התורה.

כד. וואס לפ"ז קומט דאך אוים, אז די ימות החול בשנה זו זיינען אויף א העכערע דרגא ווי די ימות החול אין די ששה שנים שלפנ"ז, ועד"ז בנוגע צו די שבתות בשנה זו, כולל אויך דעם שבת, שבת מבה"ח מנחם-אב - אז ער איז אין א סאך א העכערע דרגא ווי שבת מבה"ח מנחם-אב פון די ששה שנים שלפנ"ז,

ביז - אז אין דעם שבת ווערן נתעלה אלע שבת מבה"ח מנחם-אב פון די ששה שנים שלפנ"ז, כנ"ל (סו"ס כב).

וואס דערפון קומט אויך ארוים נאך א הוראה און נתינת כח בנוגע צו דער עבודה בשבת זה - אז מ'האט נאכמער כח צו מצליח זיין אין אלע ענינים וואס מ'טוט אין דעם שבת, און אין אלע החלטות וואס מ'נעמט אן אין דעם שבת אויף סאך ווייטער.

כה. דערביי קומט צו, אז דאס איז אויך פארבונדן מיט "וקראת לשבת עונג", מיט דעם ענין התענוג.

ובהקדם:

- דער -

---

88) ע"ז ג, א. 89) ביצה יז, א. 90) ברכות מט, א. וראה סה"מ ה'ש"ת ע' 81 ואילך. ועוד.

דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תו"א[91] דאס וואס עס שטייט אין זהר[92] עה"פ[93] "וימררו את חייהם בעבודה קשה בחומר ובלבנים גו׳" - אז "בעבודה קשה זו קושיא, בחומר דא ק"ו, ובלבנים דא ליבון הלכתא כו׳",

און דער אלטער רבי איז מבאר, אז בשעת מ׳הארעוועט אין לימוד התורה, "בעבודה קשה זו קושיא, בחומר דא ק"ו ובלבנים דא ליבון הלכתא כו׳" - איז דאס ע"ד ווי עס איז געווען "וימררו את חייהם בעבודה קשה בחומר ובלבנים גו׳" כפשוטו אין גלות מצרים אונטער פרעה מלך מצרים.

וואס אויב מ׳וועט א פרעג-טאן בא וועמען עס זאל נאר זיין וועלכן גלות וואלט ער זיך אויסגעקליבן, דער גלות פון "וימררו את חייהם בעבודה קשה גו׳" כפשוטו, אדער דער גלות פון הארעוועז אין א הארבן ענין - איז אפילו אויב ער איז דער גרעסטער פוילאק, און ער פוילט זיך לערנען - איז אויב ער איז נאר א נארמאלער מענטש, וועט ער זיכער אויסקלייבן הארעוועז אין תורה, "בעבודה קשה זו קושיא כו׳", איידער "בעבודה קשה בחומר ובלבנים" כפשוטו אונטער פרעה מלך מצרים!

ווארום דאס איז בא"ע א בעסערער גלות ווי יענער גלות,

און הגם אז ער שוויצט בשעת ער הארעוועט אין תורה קומט עס גארניט צו דעם שוויצן וואס קומט פון הארעוועז אין "עבודה קשה" כפשוטו.

ביז אז דער גלות פון הארעוועז אין לימוד התורה איז גאר א יו"ט ושמחה גדולה ביותר לגבי דעם גלות פון "בעבודה קשה בחומר ובלבנים" כפשוטו.

ובפרט אז אין הארעוועז אין לימוד התורה ווייסט ער אז ער האט די הבטחה אז "יגעתי ומצאתי"[94], און אויך - אז "אין לך שמחה יותר מהתרת הספיקות"[95], במילא האט ער די גרעסטע שמחה בשעת ער איז פותר און מברר א ספק אין תורה דורך זיין הארעוועז אין לימוד התורה,

ובפרט לפי המבואר בתניא[96], אז בשעת א איד איז מברר א ספק אין תורה איז ער ניט נאר מברר א ספק דא למטה, נאר ער איז אויך מברר דעם ספק למעלה.

וואס אע"פ אז ער האלט נאך אינמיטן הארעוועז אין "ליבון הלכתא" - איז אבער בנוגע צו דעם פרט וואס ער האט שוין מברר געווען איז דא די גאנצע שמחה גדולה.

- כו. -

------------

91) ר"פ שמות. 92) ח"ב קנג, א ברע"מ. 93) שמות א, יד. 94) מגילה ו, ב. 95) מאמר התכם - הובא בדד"ה מים רבים הרל"ו. 96) אגה"ק סכ"ו (קכד, ב ואילך).

כו. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'איז באי"ע דער גלות פון הארעוועז אין תורה לגבי דעם גלות פון "עבודה קשה בחומר ובלבנים" כפשוטו.

און במילא איז א זיכערע זאך אז אויב מ'וועט זאגן איינעם אז ער האט א ברירה צו אומבייטן דעם גלות כפשוטו אויף דעם גלות פון הארעוועז א שוזערן און הארבן עניז אין נגלה אדער אין חסידות - וועט ער זיכער אויסקלייבן הארעוועז אין לימוד התורה.

דארף מען וויסן זייך אז אין היינטיקן שבת, שבת מבה"ח מנחם-אב שנה זו, שנת השביעיה, האט מען די ברירה צו אומבייטן גלות כפשוטו אויף דעם גלות פון "בעבודה קשה זו קושיא וכו'",

און דעמולט איז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה"[97]: אז וויבאלד ער לערנט תורה כפשוטו (ניט אז ער שרייבט אראפ אויף א צעטל אז ער נעמט אן אויף זיך א החלטה אז ער וועט לערנען תורה, נאר ער לערנט תורה בפועל ממש), נגלה און חסידות,

און אין אן אופן פון "עוסק בתורה", ווי דער דיוק בזה פון דעם בעל הגאולה פון י"ב-י"ג תמוז[98] - אז ער טוט אין דעם ניט ווי אן אנגעשטעלטער ארבעטער ביי א צווייטן, נאר ווי דאס איז זייך אייגענער עסק, ביז כלשון הירוע[99] - אז "הורתו אומנתו",

וואס דעמולט חלומ'ט ער וועגן ענינים פון תורה, וויבאלד אז ער איז געגאנגען שלאפן טראכטנדיק וועגן תורה, און במילא שטייט ער אויף גלייך מיט אן עניז פון תורה -

איז ער דעמולט פארזיכערט אז ער איז א "בן חורין", אז ער איז אינגאנצן ניט אין גלות.

כז. וואס דאס מיינט בפשטות, אז מ'זאל זיך אוועקזעצן לערנען תורה כפשוטו, נגלה און חסידות, און פשוט הארעוועז אין דעם לימוד.

און ניט זייך א בחור אין ישיבה וואס מיינט אז ער איז א "רשכבה"ג", און אז ער האט שוין אפגעלערנט כל התורה כולה - במילא קען ער איצטער לערנען תורה צווישן איין גלאז טיי

- מיט -

---

97) אבות פ"ו מ"ב. 98) ראה סד"ה אריב"ל דבר זה כו', סד"ה אריב"ל בכ"י כו' - תרפ"ח (סה"מ תרפ"ח ע' קיב. קכז). 99) שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה.

מיטווארמעס, און צווישן ווארמעס מיט שלש סעודות, וואס דעמולט קען ער לערנען בניחותא, און אין אן אופן פון תענוג ומנוחה, ווארום וויבאלד אז ס'איז שבת, דארף מען זיך ניט אנשטרענגען וכו'!

זאגט מען אים: אויב ער וועט שוויצן שבת אויף א מאמר חסידות וועט מען אים געבן גן-עדן, און ניט ח"ו דעם היפך דערפון!

און אזוי דארף זיין כל לימוד התורה שלו, אין אן אופן פון "ערוכה ברמ"ח אברים" (ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תניא[100] פון גמרא אין עירובין[101]), און "כל עצמותי האמרנה"[102].

ביז אין אן אופן אז ער זאל פשוט שוויצן כפשוטו פון זיין הארעוועו אין לימוד התורה.

און ווי עס שטייט בנוגע צו דעם אריז"ל[103], אז "הי' עוסק בהלכה עד שהי' נלאה ומזיע זיעה גדולה".

וואס אע"פ אז "אחה"ל", און ווער קען זיך צו אים גלייכן - פון דעם אבער וואס מ'האט אראפגעשריבן אין תושבע"פ אויך די הנהגה פון דעם אריז"ל - איז מוכח אז דאס איז שייך לכאו"א וואס הערט דערפון, ובפרט לויט תורת הבעש"ט בזה[104].

ובפרט אז מען האט דאס אראפגעשריבן אין תורת האריז"ל, וואס "מצוה לגלות זאת החכמה"[105] - איז א זיכערע זאך אז כאו"א איז שייך צו לימוד התורה אין אזא אופן, אז ער זאל פשוט הארעווען אין נגלה און אין חסידות ביז אז פון אים גייט ארויס זיעה כפשוטה.

וואס בשעת ער איז מזיע איז א זיכערע זאך אז ער הארעוועט טאקע אין לערנען, און דאס איז ניט קיין געמאכטע הארעוואניע לעיני הרואים, - ווארום זיעה קען ניט זיין קיין געמאכטע זאך - אויב ער הארעוועט שוויצט ער, און אויב ער הארעוועט ניט שוויצט ער ניט.

און דעמולט, בשעת עס איז ביי אים דא דער "עוסק בתורה" - האט ער די הבטחה אז "איך לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה", אז ער פארבייט דעם גלות כפשוטו, "בעבודה קשה בחומר ובלבנים", אויף הארעווען אין לימוד התורה.

- און -

---

100) פל"ז (מז, א). 101) נד, רע"א. 102) תהלים לה, י. הביא כס. 103) שער המצוות ול"ה (בטעהמ"צ) פ' ואתחנן. 104) כש"ט הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 105) אגה"ק סכ"ו (קמב, ב).



הנחת הת' בלתי מוגה

און וויבאלד אז דאס איז אויך מתוך תענוג - האט ער אין דערויף מעדער אימפעט, און דער לימוד התורה איז דעמולט אין א העכערן און א ברייטערן אופן.

כה. האמור לעיל איז בנוגע צו דער עבודה מיט זיך אליין;

די עבודה פון פועל'ן אז מ'זאל ניט זיין אין גלות דארף דאך אבער זיין אויך מיטן זולת, און מיט וואס מער אידן מ'קען דערגרייכן.

וואס די עבודה באשטייט אין דעם וואס מ'קלייבט צוזאמען אלע אידן (און מ'טוט דאס אויך מתוך תענוג), און מ'איז זיי מודיע דעם "פתגם המלך", אז "את מאמר מרדכי אסתר עושה"[106]:

אפילו ווען מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב פון "אסתר" - "הסתר אסתיר"[107], אין זמן הגלות - איז אויך דארטן דארף מען מקיים זיין "מאמר מרדכי", אז - "לא יכרע ולא ישתחוה"[108], אז מ'ווערט ניט נתפעל און מ'בוקט זיך ניט צו קיין זאך, ווארום מען איז פון "עם מרדכי"[109], ובמילא האט מען בטבע אז מ'קען זיך ניט בוקן צו ע"ז.

און ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[110], אז ווען עס קומט צו אן ענין פון עבודה זרה, וואס דאס איז ביי א אידן "בלי אמונה בלב כלל",

[בנוגע צו ב"ד איז "אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות"[111], און דערפאר דארף מען געבן אים עונש אויב מ'זעט אז ער בוקט זיך צו ע"ז[112] - אבער אליבא דאמת און כלפי שמיא גליא אז דאס איז ביי אים ניט קיין עבודה זרה, ווארום ער טוט דאס "בלי אמונה בלב כלל"] -

אעפ"כ איז אויך בנוגע צו אזא ענין פון ע"ז ("בלי אמונה בלב כלל") איז "אפילו קל שבקלים ופושעי ישראל מוסרים נפשם על קדושת השם".

ביז אין אן אופן ע"ד ווי ס'איז געווען בא מרדכי, אז אע"פ וואס לפי דעה אחת[113] איז בכלל ניט געווען קיין איסור פון ע"ז צו בוקן זיך צו המן,

- [ועד"ז -

------------

106) אסתר ב, כ. 107) וילך לא, יח. חולין קלט, ב.
108) אסתר ג, ב. 109) ל' הכתוב - אסתר שם, ו.
110) ספי"ח-יט. 111) סנהדרין ו, סע"ב. וש"נ. וראה נו"ב או"ח מהדו"ק סל"ה. 112) דאה גם לקוטי ביאורים לתניא (להר"י שי' קארף) ס"ע קלט. - נעתק בקונטרס "אהבת ישראל" ח"ע 25. 113) דאה תוד"ה רבא - שבת עב, ב; סנהדרין סא, ב.

ע"ד ווי דער "השתחוו לצלם"[114] וואס איז געווען בא די אידן - איז ניט געווען צו קיין ע"ז, נאר צו אן "אנדרטי"[115] -

פונדעסטוועגן האט זיך מרדכי צו דעם ניט געבוקט, אפילו מיט די פיס זיינע -

ווארום וויבאלד ער איז מרדכי, און "אני נבראתי לשמש את קוני"[116] - איז דאך "מאמר מרדכי" דער "מאמר הקב"ה", במילא קען ער זיך ניט בוקן צו א צווייטע זאך, וואס די זאך זאל נאר זיין.

כט. און דער אופן ההנהגה פון מרדכי, אז "לא יכרע ולא ישתחוה" צו קיין זאך, איז געווען אין זמן הגלות, ווי עס שטייט אין סוף מגילת אסתר[117] אז "וישם המלך אחשורוש מס על הארץ ואיי הים", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מ'איז דעמולט נאך געווען אין גלות,

ובפרט לויט דער באשרייבונג פריער אין דער מגילה וועגן דער גדלות פון מלך אחשורוש, וואס דאס איז נאכמער מדגיש דער תוקף הגלות וואס איז דעמולט געווען -

און אעפ"כ איז מרדכי ניט נתפעל געווארן פון דעם גלות און ער האט זיך געפירט אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה".

ביז אז אפילו בשעת מרדכי האט געזעהן אז "הושחרו פניהם של ישראל בימיו (פון אחשורוש) כשולי קדירה"[118], איז ער אויך דערפון ניט נתפעל געווארן, און אויך אויף אזא אידן האט ער גע'פועל'ט אז ער זאל וויסן אז ער געהערט צו "עם מרדכי", ובמילא דארף ער זיך פירן אין אן אופן פון "לא יכרע ולא ישתחוה".

ביז אז אויך הכן הרשע ווייסט אז אויך דער איד וואס "הושחרו פניו כשולי קדירה" געהערט צו "עם מרדכי",-

וואס דערפאר קען זיך דער איד ניט איינריידן אז באמת איז ער ניט פון "עם מרדכי" - ווארום ניט ער נארט אפ זיך אליין, און ניט ער נארט אפ דעם גוי, און אויב ער וועט אזוי שרייען - וועט אים דער גוי דערמאנען אז ער איז פון "עם מרדכי".

טענה'ט ער אז ער האט ספיקות אין אמונה!

זאגט מען אים, אז כבר הי' לעולמים: מיט דורות צוריק

- איז -

------------

114) מגילה יב, א. וראה חדא"ג מהרש"א שם. 115) תוד"ה שלא - ע"ז ג, א. וש"נ. 116) קידושין בסופה. 117) י, א. 118) מגילה יא, א.

איז געווען דער חטא העגל, און מ׳וויסט וואס איז געווען דער סוף פון די וואס האבן געדינט דעם עגל - אדער זיי האבן סוף כל סוף תשובה געטאן, אדער אין דעם קצה השני!

ועד"ז איז געווען בכל הדורות זינט דעמולט, אז יעדער מאל וואס אידן האבן זיך געפיצט ניט ווי עס דארף צו זיין - האט מען געזעהן וואס דער סוף זייערער איז געווען - אדער זיי האבן תשובה געטאן, אדער פונקט פארקערט,

ווארום א איד וואס איז געבארן געווארן ביי א אידישע מאמע, אדער א גר שנתגייר כהלכה - איז ער פון "עם מרדכי", צי ער וויל יע צי ער וויל ניט, און ער קען גארניט טאן דאס צו משנה זיין -

איז וואס דארפסטו פראווען נאדישקייטן און דערנאך וועסטו סוף כל סוף תשובה טאן - בשעת דו קענסט גיין מלכתחלה אין דעם דרך הישר?!

ל. וואס דאס איז די הוראה וואס מ׳נעמט ארויס דערפון וואס שנה זו איז א שנה השביעית, "שבת לה׳" - אז ס׳איז ניטא דער גאנצער ענין פון גלות, ווארום די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות.

און דערפאר, איז כאטש אז דער עיקר ענין פון שנה השביעית איז דער ענין פון שמיטת קרקעות, וואס דאס איז נוהג נאר אין ארץ ישראל[119], ניט אין חו"ל, ביז אז לכמה דעות[120] איז דאס בזמן הזה, אפילו אין א"י, נאר מדרבנן -

וויבאלד אבער אז די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות, שטייט דער ענין פון שמיטה ברוחניות בכל התוקף און שטורעם אויך אין חו"ל, פונקט ווי דאס איז געווען בזמן הבית (פאר דעם גלות).

און דעם ענין איז מען ממשיך אין די שנים שלפני שנה השביעית, און אין די שנים שלאחרי׳ - ווי עס שטייט[121] "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית", ד.ה. אז צוליב דעם וואס מ׳וועט אפהיטן שביעית בשנה השביעית, איז דער אויבערשטער מברך אויך די שנה הששית,

און דערנאך איז "ועשת את התבואה לשלש השנים, וזרעתם את השנה השמינית ואכלתם מן התבואה ישן עד השנה התשיעית וגו׳" - די ברכה וועט אויך נמשך ווערן אויף דער שנה השמינית.

- לא. -

------------

119) ירושלמי שביעית רפ"ו. רמב"ם הל׳ שמיטה ויובל פ"ד הכ"ה. 120) ראה כס"מ ומל"מ לרמב"ם שם. 121) בהר כה, כא-כב.

לא. ובנדו"ד: פון שנה השביעית ווערט נמשך על כל השנים דער ענין אז אפילו אויב מ'געפינט זיך אין א מצב פון ירידה אין גלות - ווייסט מען אבער אז די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות, ובמילא שטייט מען מצד דער נשמה בכל התוקף אין אלע ענינים פון אידישקייט, פונקט ווי ס'איז געווען בזמן הבית.

וואס דאס איז בכללות דער תוכן פון דעם ענין פון "מטות" (כמדובר לעיל בארוכה) - אז אפילו ווען ס'איז דא א ירידה אין גלות ("מסעי") - איז אבער בשאר כל הענינים שלו שטייט ער בכל התוקף, וויבאלד אז די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות,

ס'איז מערניט וואס דער (גוף פון דעם) איד געפינט זיך, בחיצוניות, אין גלות, אין אן אופן פון "פיזרן לבין האומות" - בכדי אז ער זאל טאן אין הפצת המעיינות חוצה, אין מפזר זיין די מעיינות חוצה,

און אין אן אופן כרצון כ"ק מו"ח אדמו"ר - דערגרייכן און פועל'ן אויך אויף א זולת, ביז אויף אזוינע אידן וואס זיינען "נחשלים אחריך", אז זיי זאלן ווערן נענטער צו אידישקייט.

און אפילו אויב ס'איז א ספק צי ער איז פון די "נחשלים אחריך", און צי מ'קען אים העלפן - איז דאך דאס ספק נפשות, מוז מען זיכער גיין טאן מיט אים.

און דאס איז שייך ניט נאר בנוגע צו אידן וואס זיינען "נחשלים אחריך" - נאר אפילו מיט אידן וואס זיינען שומרי תומ"צ און לכאורה איז ניטא מיט וואס מ'קען זיי העלפן אין ענינים פון אידישקייט, קען מען אויך טאן -

ווארום ס'איז דא חומת ירושלים [וואס דאס איז אויך נוגע להלכה - בנוגע צו אכילת קדשים], און "י"ג פרוכות היו במקדש שני"[122], וואס יעדער פרוכת איז נאך א מדריגה, ביז אז די העכסטע מדריגה איז דער פרוכת אין קדה"ק [וכמבואר בחו"א פ' לך לך ד"ה והבדילה הפרוכת לכם[123]] - איז ווי הויך מ'זאל נאר שטיין, קען מען אלעמאל צוקומען צו א העכערע מדריגה.

ובמילא דארף מען טאן אויך מיט אזוינע אידן וואס זיינען ניט "נחשלים אחריך", ווארום אויך זיי קענען צו-קומען צו א העכערע מדריגה.

לב. וואס דאס מיינט בפשטות - אז מ'דארף ארויסגיין פון די אייגענע ד' אמות, "צא מן הענן", און גיין זוכן און געפינען ניצוצי קדושה, אנדערע אידן, און זיי ארויסהעלפן מיט ענינים פון אידישקייט.

- און -

122) כתובות קו, סע"א. 123) יב, ג ואילך.

און דאס גופא וואס מ׳געפינט און כ׳איז מגלה דעם ניצוץ קדושה אין דעם זולת - העלפט ארויס אז מ׳זאל אים קענען מקרב זיין,

און דאס גיט אויך סיוע אין דער אייגענער עבודה, כנ"ל (סי"ז).

ביז אז מ׳וועט צוקומען צו "מצאתי דוד עבדי"[124], וואס דאס גייט אויף משיח צדקנו[125],

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

לג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה החלצו גו׳.

* * *

לד. ס׳איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך א משנה אין פרקי אבות, לפי המנהג צו לערנען פרקי אבות בכל מקום ובכל זמן לפי ענינו, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו,

און אויך אן ענין אין הל׳ בית הבחירה (להרמב"ם) - ווי ס׳איז נתפשט געווארן און נתפרסם געווארן און אנגענומען געווארן בכמה מקומות דער מנהג, צו לערנען הלכות בית הבחירה אין דעם זמן פון בין המצרים.

בפרשתנו (פ׳ מטות), אין קאפיטל לא פסוק יט, שטעלט זיך רש"י אויף דעם ווארט "תתחטאו", און איז מפרש:

"במי נדה, כדין שאר טמאי מתים [ווי עס שטייט פריער אין פ׳ חקת[126], וואס די פרשה קומט בהמשך צו דעם וואס עס שטייט דארט]. שאף לדברי האומרים[127] קברי עובדי כוכבים אינן מטמאין באוהל שנאמר[128] ואתן צאני צאן מרעיתי אדם אתם, אתם קרויין אדם ואין עובדי כוכבים קרויין אדם, מודה הוא שהעובדי כוכבים מטמאין במגע ובמשא, שלא נאמר אדם אלא אצל טומאת אוהלים שנאמר[129] אדם כי ימות באוהל".

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ענינו פון פרש"י איז - צו מפרש זיין פשוטו של מקרא, רש"י קומט ניט לערנען דעם בן חמש למקרא הלכות -

איז ניט פארשטאנדיק: וואס פעלט דא אין פסוק, אדער

- וואס -

------------

124) תהלים פט, כא. 125) סנהדרין צז, א. 126) קאפיטל יט. 127) יבמות סא, רע"א. 128) יחזקאל לד, לא. 129) חקת שם, יד.

וואס איז שווער אין פסוק, וואס דערפאר דארף רש"י מפרש זיין פירושו:

לכאורה איז אלץ פארשטאנדיק אין פסוק ע"פ פשש"מ: ס'איז געווען א מלחמה מיט מדין און מ'האט גע'הרג'ט כו"כ מענטשן - זאגט מען דעם דין אז "כל הורג נפש וכל נוגע בחלל תתחטאו", דארף האבן דעם ענין הטהרה -

איז פארוואס דארף רש"י קומען און זאגן אז עס זיינען דא "דבדי האומרים" אז "קברי עובדי כוכבים אינן מטמאין באוהל", און דערצו ברענגען א ראי' פון פסוק, און דערנאך פארענטפערן אז אויך דער וואס זאגט אז זיי זיינען ניט מטמא בטומאת אוהל איז ער מודה אז "עובדי כוכבים מטמאין במגע ובמשא" - דער בן חמש למקרא וואלט לכאורה ניט געהאט קיין הו"א צו זאגן אז עובדי כוכבים זיינען ניט מטמא?!

ווען ער וועט אויסוואקסן און לערנען גמרא - דעמולט וועט ער לערנען אז ס'איז דא א שקו"ט צי גוים זיינען מטמא צי ניט - אבער וואס איז דאס אים נוגע צו וויסן ווען ער לערנט חומש ע"פ פשש"מ?

נאכמער: אפילו ווען ער וועט עלטער ווערן און ער וועט לערנען די שקו"ט אין גמרא - וועט ביי אים אויך ניט ווערן קיין קשיא אין אונזער פסוק (ווי ער האט אים געלערנט אלס א בן חמש למקרא) - ווארום די גמרא זאגט דארטן אז דאס וואס גוים זיינען ניט מטמא איז דאס נאר באוהל, אבער זיי זיינען מטמא במגע ומשא, און אין אונזער פסוק רעדט זיך ניט וועגן טומאת אוהל, נאר וועגן טומאת מגע ומשא - "כל <u>הורג</u> נפש וכל <u>נוגע</u> בחלל",

ואדרבה - דא רעדט זיך וועגן טומאה וואס איז געקומען נאך א מלחמה (מלחמת מדין), וואס א מלחמה ע"ד הרגיל (וואס אויך מלחמת מדין איז געווען א מלחמה ע"ד ההגיל ווי שאר המלחמות) פירט מען ניט אין אן אוהל, נאר מ'גייט ארוים אין א שדה און דארטן שלאגט מען זיך - איז דאך דאס ניט קיין טומאת אוהל -

במילא איז פארשטאנדיק פארוואס די גוים דא האבן מטמא געווען, און עס דארף זיין "תתחטאו" - וויבאלד אז דא רעדט זיך ניט וועגן טומאת אוהל, נאר וועגן טומאת מגע ומשא.

וואס לפ"ז איז נאך שטארקער די שאלה: פארוואס דארף רש"י בכלל מפרש זיין א פירוש אויף דעם פסוק (אין פשש"מ)?

און לפ"ז ווערט אויך א ספק אין דעם גאנצן כלל אז רש"י איז מפרש נאר דאס וואס פאדערט זיך ע"פ פשש"מ, און ניט קיין איבעריקע זאכן:

בשלמא אויב רש"י וואלט געשריבן כללים אויף זיין

- פירוש -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

פירוש – וואלט מען געדארפט פארשטיין ווי שטימט דער פרט פארוואס רש"י איז מפרש א פירוש דא אין פסוק, לויט כללי רש"י;

וויבאלד אבער אז רש"י האט ניט געשריבן קיין כללים לפירושו, און מ׳דארף אליין ארויסלערנען די כללים פון פירושי רש"י בכ"מ, און איינער פון די כללים וואס מ׳לערנט ארויס איז – אז רש"י איז מפרש נאר פשש"מ, און ניט קיין איבעריקע זאכן – ווערט לכאורה פון דער רש"י אויף דעם פסוק א ספק אין דעם גאנצן כלל אין רש"י.

במילא איז דאס אן ענין וואס מ׳מוז פארענטפערן.

לה. עד"ז זיינען דא במה דיוקים אין דעם פירוש רש"י עצמו. איינער פון זיי:

רש"י זאגט אז דער טעם פארוואס גוים זיינען מטמא נאר במגע ומשא און ניט באוהל איז – דערפאר וואס "לא נאמר אדם אלא אצל טומאת אוהלים כו׳".

דער בן חמש למקרא האט אבער געלערנט פריער אין פ׳ חקת[130], אז אויך בא טומאת מגע ומשא שטייט דער לשון "האדם": "כל הנוגע במת בנפש האדם", "וכל אשר יגע גו׳ בעצם אדם" – איז ווי קען אים רש"י דא זאגן אז "לא נאמר אדם אלא אצל טומאת אוהלים"?!

מ׳קען ניט זאגן אז דאס פארענטפערט תוספות[131] – ווארום וועט רש"י לעדנט מיט א בן חמש למקרא פשש"מ פארלאזט ער זיך ניט אויף דעם וואס תוספות זאגט.

וכמובן דערפון גופא וואס רש"י זאגט בכלל זיין פירוש דא (ובכ"מ) וואס מקורו איז פון גמרא – וואס אויב ער וואלט זיך פארלאזט אז דער בן חמש למקרא וועט דאס לערנען אין גמרא – איז פארוואס דארף ער בכלל זאגן זיין פירוש?!

מיט נאך במה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

לו. אין פרש"י עה"ת איז דאך לא חסר ולא יתיר – איז דאך אויך רגיל צו שטעלן זיך אויף א זאך וואס האט לכאורה געדארפט שטיין אין פרש"י, און מאיזה סיבה שטייט דאס ניט.

אין פרשתנו (מטות[132]) שטייט "נקום נקמת בני ישראל מאת המדינים", דערנאך[133] שטייט "לחת נקמת ה׳ במדין".

- שטעלט -

------------

130) שם, יג-טז. 131) ד"ה ואין – יבמות שם. 132) לא, ב. 133) שם, ג.

שטעלט זיך רש"י אויף "נקמת ה׳", און איז מסביר פארוואס פריער איז געשטאנען "נקמת בני ישראל" און דא שטייט "נקמת ה׳" - "שהעומד כנגד ישראל כאילו עומד כנגד הקב"ה".

דארף מען פארשטיין: פארוואס ברענגט ניט רש"י קיין ראי׳ דערצו, אזוי ווי ער טוט אין פ׳ בהעלותך:

אויפן פסוק [134] "וינוסו משנאיך מפניך", שטעלט זיך רש"י און זאגט: "משנאיך - אלו שונאי ישראל, שכל השונא את ישראל שונא את מי שאמר והי׳ העולם, שנאמר [135] ומשנאיך נשאו ראש ימי הם - על עמך יערימו סוד".

איז פונקט ווי דארטן דארף רש"י ברענגען א ראי׳ (פון א פסוק) אז "כל השונא את ישראל שונא את מי שאמר והי׳ העולם" - אזוי האט רש"י אויך דא געדארפט ברענגען א ראי׳ (פון א פסוק) אז "העומד כנגד ישראל כאילו עומד כנגר הקב"ה"?

לז. מ׳קען ניט זאגן אז די ראי׳ אין פ׳ בהעלותך איז אויך מספיק אויף דעם וואס עס שטייט אין פרשתנו - ווארום:

אין פ׳ בהעלותך רעדט זיך וועגן א רגש בלב - שנאה,

וואס מ׳וואלט געקענט מיינען אז עס קען זיין די מציאות פון א גוי וואס איז מאמין אין "מי שאמר והי׳ העולם" און אעפ"כ האט ער שנאה צו אידן,

און ווי מ׳זעט בפועל ממש אז עס זיינען דא אזעלכע גוים -

וואס דערפאר איז בשעת רש"י זאגט א כלל אז "כל השונא את ישראל שונא את מי שאמר והי׳ העולם", מוז ער ברענגען א ראי׳ דערצו - ווארום אויב ער וועט ניט ברענגען קיין ראי׳, וועט אים דער בן חמש למקרא פרעגן: קום לאמיר ארויסגיין אין גאס, און אט זעט מען א גוי (א פראנצויז) וואס איז מאמין אין "מי שאמר והי׳ העולם", און אעפ"כ האט ער מיר (דעם בן חמש למקרא) פיינט!

ובפרט נאך אין זמן רש"י, וואס דעמולט זיינען געווען די מסעות הצלב, וואס זיי האבן גאר פארבונדן די אמונה אין "מי שאמר והי׳ העולם" מיט דעם עניך פון שנאת ישראל, אז זיי זיינען הלויין זה בזה,

דערפאר דארף רש"י ברענגען א ראי׳ (פון א פסוק) אז אע"פ וואס מ׳זעט טאקע אז עס זיינען דא גוים וואס גלויבן

- אין -

------------

134) בהעלותך י, לה. 135) תהלים פג, ג-ד.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אין "מי שאמר והי' העולם" און צוזאמען דערמיט זיינען זיי שונאי ישראל – איז אבער לאמיתת הענין איז "כל השונא את ישראל שונא את מי שאמר והי' העולם".

אבער נאך דערויף וואס רש"י ברענגט די ראי' (פון פסוק), איז וויבאלד דאס רעדט זיך וועגן א רגש שבלב, לייגט זיך אז לאמיתת הענין איז "כל השונא את ישראל שונא את מי שאמר והי' העולם";

משא"כ בפרשתנו רעדט זיך ניט וועגן א רגש בלב, שנאה – נאר וועגן א מעשה בפועל, אז מדין האט געטאן א מעשה בפועל קעגן די אידן, "עומד כנגד ישראל",

[ווי רש"י האט געזאגט פריער (אויפן פסוק "נקום נקמת בנ"י"), אז די נקמה איז געווען דוקא אין מדין און ניט אין מואב (אע"פ אז בײדע פון זיי האבן געהאט די זעלבע כוונה און מחשבה בנוגע צו אידן, ווי מ'האט פריער געלערנט בנוגע צו די זקני מואב און זקני מדין[136]) – ווארום "המואבים נכנסו לדבר מחמת יראה כו', אבל מדינים נתעברו על ריב לא להם"].

במילא איז ניט מספיק די ראי' אין פ' בהעלותך אז "כל השונא את ישראל שונא את מי שאמר והי' העולם", וואס דאס איז נאר בנוגע צו א רגש בלב – אויף דעם וואס "העומד כנגד ישראל כאילו עומד כנגד הקב"ה", און אויף דערויף האט מען לכאורה געדארפט האבן א ראי' בפ"ע – און אעפ"כ ברענגט רש"י ניט קיין ראי' דערצו, וכפי שיתבאר לקמן.

לח. בנוגע צו א הערה אויפן זהר פון פרשתנו – איז דאך ניטא קיין הערות פון טאטן אויפן זהר בפרשתנו, אבער ווי גערעדט אין די התוועדויות פון שבת זו בשנים שלפנ"ז – איז דא וואס דער טאטע זאגט במקום אחר, אין די הערות אויפן זהר פון פ' שלח ע' שעז, בנוגע צו אן ענין וואס שטייט בפרשתנו:

ער ברענגט די צוויי פסוקים וואס שטייען בא מלחמת מדין – דעם פסוק וואס דער אויבערשטער האט געזאגט, "נקום נקמת בני ישראל", און דעם פסוק וואס משה האט געזאגט, "נקמת הוי'",

און ער איז מבאר אז דער טעם אויף דערויף וואס "הקב"ה אמר נקום נקמת בני ישראל ומשה אמר נקמת הוי'" איז: "כי הקב"ה הפץ ומדקדק על כבודן של ישראל יותר מכבודו", דערפאר האט ער געזאגט "נקום נקמת בני ישראל", און "משה בהיפך מדקדק על כבודו של הקב"ה יותר מכבודן של ישראל", דערפאר האט ער געזאגט "נקמת הוי'".

ער איז אבער ניט מבאר ווי דער ענין איז אין עבודה,

- וויבאלד -

---

136) פרש"י עה"פ בלק כב, ד.

הנחת הה' בלתי מוגה

וויבאלד אז דאס איז ניט דער ענין פון די הערות אויפן זהר.

איך דארף מען פארשטיין: אויך דעם פסוק וואס דער אויבערשטער האט געזאגט, "נקום נקמת בני ישראל", האט דער אויבערשטער געהייסן משה׳ן ארייינשטעלן אין תורה און זאגן דאס די אידן,

וואס לפ"ז לייגט זיך בפשטות, אז אויך דער פסוק האט א שייכות צו בני ישראל; פון דער הערה קומט אבער לכאורה אויס, אז נאר דער פסוק וואס משה האט געזאגט, "נקום נקמת הוי׳", האט א שייכות מיט אידן (אז זיי זאלן מדקדק זיין על כבודו של הקב"ה יותר מכבודם), משא"כ דער פסוק וואס דער אויבערשטער האט געזאגט, "נקום נקמת בני ישראל", איז שייך מערניט ווי צו דעם אויבערשטן, "כי הקב"ה חפץ ומדקדק על כבודן של ישראל יותר מכבודו",

וואס לכאורה לייגט זיך ניט אזוי זאגן - ווארוםביידע פסוקים זיינען ארייינגעשטעלט געווארן אין תורה, וואס איז שייך צו יעדן אידן, ד.ה. אז ביידע ענינים זיינען שייך צו יעדן אידן. וכפי שיתבאר לקמן.

לט. היינטיקן שבת לערנט מען פרק ב׳ פון פרקי אבות (לויט דעם "יש נוהגין" צו לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ"[137]).

אין פרק ב׳ איז דא א משנה וואס רעדט זיך וועגן אהבת ישראל, און זי קומט בהמשך צו דער משנה אין פרק א׳ [138] "הוי מהלמידיו של אהרן אוהב שלום ורודף שלום, אוהב את הבריות ומקרבן לתורה" (כדלקמן (ס"ס)).

וואס דאס איז - משנה יב (אין פרק ב׳), וואס רבי יוסי האט געזאגט.

וואס סתם ר׳ יוסי איז ר׳ יוסי בן חלפתא[139], אבער דא רעדט זיך וועגן רבי יוסי דער תלמיד פון רבי יוחנן בן זכאי, ווי עס שטייט אין א פריערדיקע משנה[140], וואס דאס איז ר׳ יוסי הכהן, ווי עס שטייט אין מסכת עדיות[141] און ווי עס ווערט אויך אנגערופן (לויט כמה גירסאות[142]) אין דער משנה הנ"ל אין פרקי אבות,

און ער איז אויך געווען א חסיד, ווי די משנה הנ"ל זאגט דערנאך, און ווי עס שטייט אויך אין סוף מסכת

- סוטה -

------------

137) אדה"ז בסידורו לפני פרקי אבות. 138) משנה יב.
139) פרש"י זבחים נח, סע"ב. ובארוכה - תולדות תו"א (היימאן) בערכו. 140) משנה ט. 141) פ"ח מ"ב. 142) ראה שינויי נוסחאות לאבות כאן. וכן היא גם גירסת אדה"ז בסידורו.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

סוטה[143], אז "משמת ר' יוסי קטנתא פסקו חסידים, ולמה נקרא שמו קטנתא שהי' קטנתא של חסידים (שהיו החסידים הולכים וכלים והוא הי' מקטניהם וסופן[144])".

מ. זאגט די משנה: "רבי יוסי אומר יהי ממון חברך חביב עליך כשלך, והתקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך, וכל מעשיך יהיו לשם שמים".

דארף מען פארשטיין:

וואס איז דער קשר פון די דריי ענינים וואס ר' יוסי האט געזאגט - לכאורה זיינען זיי דריי ענינים נפרדים?

ובפרט אז דא שטייט "רבי יוסי אומר", און ניט "אמר רבי יוסי" - וואס דאס מיינט[145] אז דאס זיינען דריי ענינים וואס ר' יוסי פלעגט שטענדיק זאגן,

[בכלל זאגט מען "רבי פלוני אומר" (און ניט "אמר רבי פלוני") בשעת ס'איז דא א מחלוקת בדבר - אבער אין אונזער משנה איז ניטא קיין מחלוקת, מוז מען זאגן אז דער טייטש אין "רבי יוסי אומר" איז - אז ער פלעגט די ענינים שטענדיק זאגן].

ד.ה. אז ווען ריב"ז האט געבעטן אז אלע תלמידים זיינען זאלן עפעס זאגן, איז ווען ס'איז געקומען צו ר' יוסי - זאגט די משנה אז "רבי יוסי אומר", אז ר' יוסי פלעגט שטענדיק זאגן די דריי ענינים וואס ער רעכנט דערנאך אויס.

וואס לפ"ז דארף מען נאכמער פארשטיין דעם קשר פון די דריי ענינים וואס ר' יוסי פלעגט שטענדיק זאגן.

מא. אויך דארף מען פארשטיין:

א) וואס איז דער ענין אין "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך":

בשלמא דאס וואס שטייט פריער (אין דער משנה שלפנ"ז[146]) "יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך", איז פארשטאנדיק וואס דאס מיינט: וויבאלד אז ס'איז ניט קיין חיוב גיין געבן כבוד צו א צווייטן - זאגט די משנה אז מ'דארף זיך משתדל זיין אז "יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך", אז מ'זאל ניט אנרירן אין דעם כבוד פון א צווייטן, און ניט מבזה זיין אים, ועד"ז - זיך משתדל זיין אז אויך א צווייטער זאל ניט אנרירן בכבודו;

- בנוגע -

---

143) מט, סע"א (צויין לזה בתוי"ט כאן). 144) פרש"י סוטה שם. 145) ראה רע"ב לאבות פ"א מ"ב. 146) משנה יא.



הנחה הת' בלתי מוגה

בנוגע אבער צו "ממון חברך", איז לכאורה די איינציקע זאך אין וואס עס דריקט זיך אויס "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך", איז - אין דעם אז מ'זאל זיך היטן אין דעם ענין פון גזילה און גניבה פון ממון חברך, אדער אין לפנים משורת הדין פון גזילה און גניבה - ס'איז אבער ניט פארשטאנדיק וואס איז דער ענין פון "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך", וואס איז דער ענין החביבות וואס דארף ביי אים זיין אין ממון חבירו?

ב) ווי קען די משנה זאגן "והתקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך" - ס'איז דאך מקרא מלא דבר הכתוב[147] אז "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[148],

ביז אז דאס קומט אויך אראפ אין הלכה, אז "עכו"ם שעוסק בתורה חייב מיתה", ווארום "מיגזל קא גזל" - וויבאלד אז די תורה איז די ירושה פון אידן ("לנו מורשה ולא להם")[149]?

און ווי חסידות רעדט וועגן דערויף אין די מאמרים פון שמח"ת[150], בנוגע צו די דריי ענינים וואס זיינען דא אין תורה - ירושה, מתנה און "התקן עצמך" (מכר).

ג) דער סדר פון די ענינים, אז פריער שטייט "התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך", און ערשט דערנאך שטייט "וכל מעשיך יהיו לשם שמים" -

לכאורה האט פריער געדארפט שטיין "וכל מעשיך יהיו לשם שמים", וואס דאס איז נוגע שטענדיק, און ערשט דערנאך "התקן עצמך ללמוד תורה כו'", וואס איז נוגע נאר ווען ער לערנט תורה?

נאכמער:

"כל מעשיך יהיו לשם שמים" האט געדארפט שטיין אין התחלת המשנה, אויך פאר "יהי ממון חברך כו'" - ווארום "כל מעשיך יהיו לשם שמים" איז שייך אין יעדער זאך פון דעם מענטשן, "כל מעשיך", כולל אויך אין די ביידע ענינים גופא, אז "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך", און "התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך" - דארפן אויך זיין "לשם שמים"?

וכפי שיתבאר לקמן.

מב. בנוגע צו א לימוד אין הלכות בית הבחירה:

- אין -

------------

147) ברכה לג, ד. 148) וכן הקשה בהפא"י לאבות כאן.
149) סנהדרין נט, רע"א. 150) ד"ה הורה צוה השי"ב. וראה גם לקו"ש חי"ג ע' 115 ואילך. וש"נ.

אין אנהויב פון פרק שני זאגט דער רמב"ם: "המזבח מקומו מכוון ביותר . . ובמקדש [אדער ווי די צוזייטע גירסא – "ובמקום המזבח"] נעקד יצחק אבינו שנאמד [151] ולך לך אל ארץ המורי׳, ונאמר בדברי הימים [152] ויחל שלמה לבנות את בית ה׳ בירושלים בהר המורי׳ אשר נראה לדויד אביהו אשר הכין במקום דויד בגרן ארנן היבוסי".

[וואס עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם טעם אויף דעם וואס דער רמב"ם שרייבט אין הל׳ מלכים [153] אויף משיח, אז "ובנה מקדש במקומו", וואס לכאורה: וואס איז דא דער דיוק אז עס וועט זיין "במקומו"?

אבער ע"פ דעם וואס דער רמב"ם שרייבט דא, אז "המזבח (און אויך דער מקדש, ווי ער זאגט דערנאך אין דער ראי׳ פון פסוק ("בית ה׳")) מקומו מכוון ביותר", איז דאס פארשטאנדיק – ווארום וויבאלד אז "מקומו" פון דעם מזבח (און מקדש) דארף זיין "מכוון ביותר" – דערפאר דארף זיין "ובנה מקדש במקומו"].

דארף מען פארשטיין:

די ראי׳ אויף דעם אז "המזבח מקומו מכוון ביותר" איז דאך לכאורה נאר פון דעם וואס עס שטייט ("ולך לך אל ארץ המורי׳" און) "ויחל שלמה לבנות את בית ה׳ בירושלים בהר המורי׳" – איז פארוואס איז דער רמב"ם ממשיך און ברענגט אויך המשך הכתוב – "(אשר נראה לדויד אביהו) אשר הכין במקום דויד בגרן ארנן היבוסי"*?

מג. דערנאך אין הלכה ב׳ זאגט דער רמב"ם: "ומסורת ביד הכל שהמקום שבנה בו דוד ושלמה המזבח בגורן ארונה הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק, והוא המקום שבנה בו נח כשיצא מן התיבה, והוא המזבח שהקריב עליו קין והבל, ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא, ומשם נברא כו׳".

וואס דערפון קומט אויס, אז דער רמב"ם האלט אז דער מקום המקדש (און מקום המזבח) איז בעצם א מקום מסוגל אין וועלט מצ"ע – "הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק והוא המקום שבנה בו נח כשיצא מן התיבה וכו׳",

און וויבאלד אז דאס איז געווען א מקום מסוגל אין

- וועלט -

------------

151) וירא כב, ב. 152) ב׳ ג, א. 153) ספי"א.

------------

*) לשלימות הענין – ראה שיחת ש"פ דברים שבת חזון.

וועלט, דערפאר האט דער אויבערשטער בוחר געווען דעם מקום אז מ'זאל דארטן בויען זיין ביהמ"ק.

וואס דאס איז ניט ווי דער חינוך[154] זאגט, אז בעצם איז ניטא קיין מעלה אין מקום המקדש, ס'איז מערניט וואס דער אויבערשטער האט בוחר געווען דעם מקום אז דארטן זאל מען בויען דעם ביהמ"ק.

ועד"ז ווי דאס איז בנוגע צו עיר ירושלים און בנוגע צו ארץ ישראל - אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען ירושלים און א"י ניט דערפאר וואס אין דעם מקום איז דא א מעלה מיוחדת - נאר מצד בחירתו, און קיין סיבה בדבר.

ועד"ז לערנט דער חינוך איז אויך בנוגע צו דעם מקום המקדש - אז דער אויבערשטער האט אין אים בוחר געווען מצד בחירתו, און דערפאר איז וועז אדה"ר האט געזוכט אן ארט וואו צו מקריב זיין קרבנו, האט ער געזוכט דעם ארט וואו דער אויבערשטער וועט בוחר זיין צו בויען דעם ביהמ"ק, ועד"ז בנוגע צו קין והבל, און נח און אברהם.

משא"כ לויטן רמב"ם קומט אוים אז דער מקום המקדש האט אין זיך בעצם א מעלה מיוחדת - "הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח וכו'" - און צוליב דעם וואס דער מקום האט אין זיך בעצם א מעלה, האט אויך דער אויבערשטער אין אים בוחר געווען אז דארטן זאל מען בויען זיין ביהמ"ק.

מד. וואס אין דערויף איז דא אן ענין פארבונדן מיט חסידות:

דער צ"צ איז מבאר אין א מאמר אויפן פסוק "קומה ה' ויפוצו אויביך"[155] און ווי עס ווייזט אוים איז דאס א מאמר פון דעם אלטן רבי'ן[156] - אז עס זיינען דא צוויי שיטות אין דעם אופן ווי השראת השכינה איז געווען אין מקום המקדש:

שיטת הרמב"ם (אין מו"נ) - אז אלקות האט ניט קיין שייכות מיט מקום גשמי, אבער בכדי אז השראת השכינה זאל נמשך ווערן צו בני אדם וואס זיי געפינען זיך אין מקום גשמי, האט זיך דער אויבערשטער אנגעטאן אין א מקום גשמי, אין דעם מקום המקדש, אבער אלקות אליין וואס איז שורה אין דעם מקום האט קיין שייכות ניט מיט דעם מקום.

שיטת הרמב"ן - אז השראת השכינה במקום המקדש האט טאקע א שייכות מיט דעם מקום גשמי.

- און -

------------

154) מצוה צה. 155) אוה"ת ויצא קעז, א ואילך. נדפס גם (בשינויים קלים) בביאוה"ז להצ"צ ע' קא ואילך. 156) דאה כוהרת המאמר בביאוה"ז שם: ויצא תקס"ו. - נדפס ב"מאמרי אדה"ז" הקס"ו ע' עב ואילך.

און דער צ"צ גיט א טײַטש אויף די ביידע שיטות:

לשיטת הרמב"ם איז השראת השכינה אין מקום המקדש ע"ד ווי שכל טוט זיך אן אין אצבעות היד ווען עס ווערט געשריבן א דבר שכל,

וואס אויף שרייבן א דבר שכל מוז מען טאקע האבן דוקא די אצבעות היד, ניט די אצבעות הרגל, ווארום אזוי האט דער אויבערשטער באשאפן אז שכל זאל דורכגיין דוקא דורך די אצבעות היד;

אבער לאידך גיסא ווערט ניט קיין שינוי אין די אצבעות היד דורך דעם וואס זיי שרייבן א דבר שכל, און עס בלײַבט ניט אין זיי קיין רושם פון דעם שכל.

לשיטת הרמב"ן איז השראת השכינה אין מקום המקדש ע"ד ווי שכל טוט זיך אן אין מוח שבראש, וואס דער מוח איז א כלי אויף שכל, און דער שכל פועל'ט א שינוי אין דעם עצם מוח הגשמי, כידוע אז אין דעם מוח גשמי ווערן קמטים (קנייטשן) בשעת דער מענטש טראכט א דבר שכל.

וע"ד ווי דער לב איז א כלי אויף דעם ענין הרגש והמדות, און דער עין איז א כלי אויפן כח הראי', וואס דערפאר דארף דער עין זיין מזוכך וכו' בכדי צו קענען מקבל זיין דעם כח הראי'.

מה. וואס לפ"ז קומט אויס אז ס'איז דא א סתירה צווישן ווי דער רמב"ם לערנט אין מו"נ (בנוגע צו השראה השכינה במקום המקדש) מיט ווי ער לערנט דא אין הלכות בית הבחירה:

פון דעם רמב"ם אין הל' ביהב"ח קומט אויס אז השראת השכינה אין מקום המקדש איז פארבונדן מיט א מעלה וואס איז דא אין דעם עצם מקום גשמי (ניט ווי שיטת החינוך);

משא"כ פון דעם רמב"ם אין מו"נ (ווי אראפגעבראכט און נתבאר אין דעם מאמר פון צ"צ) קומט אויס אז השראת השכינה אין מקום המקדש האט קיין שייכות ניט מיט דעם עצם מקום, ע"ד ווי שיטת החינוך, ניט ווי זיין שיטה איז אין הלכות בית הבחירה?

וכפי שיתבאר לקמן.

מו. וויבאלד אז מ'רעדט שוין וועגן הלכות בית הבחירה - איז כאן המקום צו מעיר זיין, אז אן ענין וועלכן מ'האט שוין דערמאנט, און דערנאך האט מען דאס געטאן בפועל - ג' פעמים, ווערט דאס א חזקה, ובמילא דארף מען דאס מקיים זיין אויך דעם פערטן מאל, אפילו אויב מ'דערמאנט ניט וועגן דעם א פערטן מאל.

- וואס -

וואס דאס רעדט מען בנוגע צו די אלע ענינים וועלכע מ'האט שוין דערמאנט ג' פעמים אין די שנים שלפנ"ז - אז מ'דארף ניט דערמאנען נאכאמאל אז מ'זאל דאס טאן אויך דעם יאר, וויבאלד אז ס'איז שוין א חזקה,

מ'דארף נאך האבן שכל און פארשטיין אז וויבאלד מ'האט וועגן דעם דערמאנט ג' פעמים בג' שנים - איז דאס אן ענין וואס איז שייך בכל שנה ושנה.

ועאכו"כ אויב מ'האט וועגן דעם דערמאנט חמשה שנים - איז דאס דעמולט זיכער אן ענין וואס איז שייך על כל השנים,

און אויב מ'זעט אז נאכן דערמאנען דאס חמשה שנים טוט מען דאס ניט אין דעם זעקסטן יאר - איז ניטא קיין תועלת צו דערמאנען דאס נאכאמאל, ווארום עס וועט סיי-ווי ניט העלפן.

וע"ד ווי די גמרא אין חולין [157] זאגט בנוגע צו די לויים, אז פון "בן חמש ועשרים שנה" ביז בן שלשים שנה לערנען זיי הלכות עבודה, וואס דערפון לערנט מען אפ אז "תלמיד שלא ראה סימן יפה במשנתו חמש שנים שוב אינו רואה".

ועאכו"כ בעניננו, וואס מ'לערנט שוין שלשים שנה בעזרת ה' - איז א זיכערע זאך אז אויב מ'טוט ניט בפועל נאך די שלשים שנה, וועט ניט העלפן בשעת מ'וועט דערמאנען און לערנען וועגן דעם אן 31'סטן מאל.

מז. ובפרטיות:

מ'דארף ניט יעדן יאר נאכאמאל דערמאנען ביי דער התוועדות וואס מ'מאכט א מגבית, אז אויך דעם יאר זאל מען מאכן א מגבית - ווארום וויבאלד אז מ'האט וועגן דעם שוין דערמאנט ניט איין מאל, ניט צוויי מאל, ניט דריי מאל, ניט פינף מאל, נאר א סאך מערער פאר דעם - איז ממה נפשך: אדער מ'האט דאס געדארפט טאן אויך אן דערמאנען דאס נאכאמאל, און אויב ניט - וועט דאך ניט העלפן דער דערמאנען דאס נאכאמאל!

עד"ז בנוגע צו דעם ניגון וואס מ'איז רגיל צו זינגען אלעמאל בקשר מיט די גאולה פון י"ב-י"ג תמוז,

וואס איינער האט מיר געשריבן און געפרעגט פארוואס מען האט ניט געזונגען דעם ניגון אין דער התוועדות פון י"ב-י"ג תמוז בשנה זו.

און דערנאך זאגט מען מיר אז איך בין גאר שולדיק אין דעם - וויבאלד אז איך האב ניט דערמאנט בא דער התוועדות אז מ'זאל זינגען דעם ניגון!

- צי -

---

157) כד, א. וראה גם פרש"י עה"פ בהעלותך ח, כד.



הנחה הת' בלתי מוגה

צי דען דארף מען יעדער יאר נאכאמאל דערמאנען אז ס'איז דא א ניגון פארבונדן מיט דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, וואס דעם ניגון האט ר' מיכאל דווארקין געזונגען אין קאסטראמא, וכידוע דער אופן ווי ער האט געטאנצט ווען ער האט געזונגען דעם ניגון, און אז ביי אים איז געווען א יו"ט וכו' [158] - בשעת מ'האט וועגן דעם שוין דערמאנט אין די יארן שלפנ"ז?!

וואס מ'האט אפגערעדט דריי-פיר שעה אין דער התוועדות פון י"ב-י"ג תמוז - און קיינער האט זיך ניט געכאפט צו זינגען דעם ניגון וואס מ'איז שוין רגיל צו זינגען בכל שנה ושנה!

און וויבאלד אז ס'איז אזוי געווען - איז פארשטאנדיק אז אפילו אויב מ'וואלט וועגן דעם דערמאנט וואלט עס אויך ניט געהאלפן, כנ"ל.

מח. עד"ז בנוגע צו דעם ניגון "הוא אלקינו" וואס מ'זינגט אין "כתר" פון מוסף בשבת:

ס'איז שוין כו"כ שנים וואס ס'איז איינגעפירט צו זינגען "הוא אלקינו" בשבת מבה"ח מנחם-אב, וויבאלד אז אין דעם זמן איז נאכמער נוגע די גאולה -

און בשנה זו איז קיינעם ניט איינגעפאלן צו אנפאנגען דעם ניגון!

מ'האט געווארט אז איך זאל מאכן מיט די פינגער אז מ'זאל זינגען - האב איך געווארט בכדי צו זעהן אויב מ'וועט אליין האבן שכל און זינגען דעם ניגון -

האט מען בפועל ניט געזונגען דעם ניגון!

וויפל מאל דארף מען דאס טאן בכדי אז מ'זאל אליין פארשטיין אז אזוי דארף מען טאן?!

און אין עטליכע טעג ארום וועט מען מסתמא באקומען א בריוו פון איינעם מעבר לים - היתכן פארוואס מ'האט ניט געזונגען "הוא אלקינו" אין שבת מבה"ח מנחם-אב.

בנוגע צו די היגע וואס געפינען זיך דא - איז בכלל לא נגע ולא פגע צי מ'זינגט יע דעם ניגון צי מ'זינגט אים ניט:

וויבאלד אז ענינו פון שבת איז - תענוג, איז אויב

- מ'וואלט -

------------

158) ראה שיחת י"ב תמוז תשכ"ה. ספר התולדות אדמו"ר הריי"ץ כרך ג ע' 221.

מ'וואלט געזונגען דעם ניגון וואלט מען דערפון געהאט תענוג, און אויב מ'זינגט ניט דעם ניגון, האט מען אויך דערפון תענוג - ס'איז קיין נפק"מ ניט!

כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אמאל דערציילט, אז דער חילוק צווישן פעפער מיט צוקער איז נאר בשעת מ'לייגט עס אויפן חיך, אויף די גומען (ווי עס שטייט [159] "חיך אוכל יטעם לו"); בשעת מ'לייגט דאס אבער אויפן האנט איז ניטא קיין חילוק צווישן פעפער מיט צוקער, ווארום אזוי האט דער אויבערשטער מטביע געווען אז די האנט איז ניט מרגיש און מכיר דעם חילוק צווישן פעפער מיט צוקער.

עד"ז איז בעניננו:

ס'איז אים קיין נפק"מ ניט צי מ'זינגט "הוא אלקינו" צי ניט - ווארום ער לייגט דאס ניט אריין אויף זיין "חיך" - ער איז זיך אין דערויף ניט מתבונן מיט זיין שכל שבראש, און ער איז דאס ניט מרגיש אין זיין רגש שבלב.

מט. לאחרי כל זה וועט מען מיר מסתמא פרעגן: אויב אזוי פארוואס דערמאן איך בא יעדער התוועדות אז מ'זאל מאכן א ברכה אחרונה?!

איז די הסברה בזה - אז אויף א דין אין שו"ע האב איך ניט די ברייטקייט צו נעמען די אחריות אז איינער זאל ניט מאכן א ברכה אחרונה,

און דערפאר, איז אפילו אויב איינער שלאפט און איך גיב א געשריי אז מ'זאל מאכן א ברכה אחרונה, און יענער כאפט זיך אויף פון שלאף און מאכט א ברכה אחרונה - איז כדאי אז אלע אידן וואס געפינען זיך דא זאלן הערן דעם געשריי, ויבאלד אז דורך דערויף האט יענער געמאכט א ברכה אחרונה;

בנוגע אבער צו א מנהג חסידים - דארף מען ניט יעדער מאל דערמאנען אז מ'דארף אזוי און אזוי טאן, בשעת מ'האט וועגן דעם שוין דערמאנט כו"כ פעמים.

נ. ועד"ז איז אויך בנוגע צו לערנען הלכות בית הבחירה פון דעם רמב"ם אין די ג' שבועות, ווי מ'טוט שוין כמה שנים.

בשעת ס'איז געקומען צו דער התחלה פון די דריי וואכן בשנה זו - האב איך געווארט צו זעהן אויב מ'וועט רעדן וועגן דעם, און בפועל האב איך געזעהן אז מ'רעדט ניט וועגן דעם.

- דערנאך -

------------

159) איוב יב, יא.



הנחת הת' בלתי מוגה

דערנאך אז ס׳איז געקומען צען טעג נאך שבעה עשר בתמוז, קו״ם עטליכע טעג פאר די ניין טעג - האט מען זיך געכאפט צו ארייגשטעלן א מודעה וועגן דעם אין צייטונג!

און ערשט דעמולט האט מען געפונען די ברייטקייט בא זיך צו שרייבן צו מיר דערשראקענערהייט, און פרעגן, צי ס׳איז כדאי צו אויך לערנען הלכות בית הבחירה אויך בשנה זו - כאטש איך האב וועגן דעם ניט דערמאנט!

איי איז די שאלה, אז מ׳האט וועגן דערויף שוין דערמאנט די לעצטע פיר יאר, און מ׳האט דערמאנט אז מ׳זאל דאס מפרסם זיין בכל קצוי תבל, און אזוי האט מען טאקע געטאן, און ס׳איז נתקבל געווארן בכמה מקומות,

און איך האב דאס געזאגט ניט אין אן אופן פון "גזירה גזרתי חקה חקקתי"[160], נאר איך האב אויך געגעבן א טעם לזה, וואס דער טעם איז שייך בכל שנה ושנה בזמנים אלו, אויך בשנה זו.

און וויבאלד אז מ׳האט עס געטאן דריי יאר - מוז מען דאס טאן אויך ווייטער, ווי דער דין איז אז אויב איינער טוט א זאך דריי מאל, און ער זאגט ניט קיין בלי נדר, דארף ער דאס ווייטער ממשיך זיין טאן,

און ס׳איז זיכער אז בשנים שעברו האט מען ניט געזאגט קיין בלי נדר בשעת מ׳האט געלערנט הלכות בית הבחירה, וויבאלד אז איך האב ניט דערמאנט אז מ׳זאל אזוי טאן -

איז דאך דערפאר א זיכערע זאך אז מ׳דארף דאס טאן אויך בשנה זו!

און ניט קוקנדיק אויף די אלע זאכן - פרעגט מען בא מיר א שאלה צי מ׳דארף לערנען הלכות ביהב"ח אויך בשנה זו -

- צי דען דארף מען יעדער זאך דערמאנען נאכאמאל און נאכאמאל?!

נא. ויה"ר אז וויבאלד מ׳האט זיך עכ"פ איצטער געכאפט און ארייגעשטעלט די מודעה אין צייטונג - זאל מען מקיים זיין מכאן ולהבא דאס וואס שטייט אין דער מודעה, אז מ׳זאל לערנען הלכות ביהב"ח אין די קומענדיקע טעג, ובפרט אין די ניין טעג, ובפרט בשבוע שחל בו תשעה באב, ובפרט בערב תשעה באב עצמו.

און זיכער דארף מען דאס לערנען היינט, ווארום משיח

- איז -

------------

160) ל׳ חז"ל - מדרש תהלים (באבער) עה"פ ט, ב.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

איז דאך היינט נאך ניט געקומען, ועד"ז אויב משיח וועט ח"ו ניט קומען מארגן, וועט מען עס דארפן לערנען אויך מארגן.

און אפילו נאך דעם וואס משיח וועט קומען וועט מען אויך דארפן לערנען הלכות בית הבחירה -

ווארום כאטש אז משיח וועט בויען דעם ביהמ"ק - איז אבער יעדער איד וועט קענען אפשר צוגעבן א פרט ווי צו בויען דעם ביהמ"ק ע"פ ווי עס שטייט אין הלכות בית הבחירה להרמב"ם.

ביז - אז בשעת משיח וועט אויפבויען דעם ביהמ"ק און אין איין פרט וועט דארטן ניט זיין ווי עס שטייט אין הלכות ביהב"ח להרמב"ם - וועט יעדער איד קענען צוגיין צו משיח צדקנו, און ביי אים פרעגן, מיט דער הקדמה אז כל הכבוד למשיח צדקנו, ער איז פון די "שמונה נסיכי אדם"[161] און פון די "שבעה רועים"[162] וכו' - אז לכאורה האט משיח צדקנו געבויט דער פרט אין דעם ביהמ"ק ניט ווי עס קומט אויס פון רמב"ם - און אויב אזוי איז "מהיכן דנתני" צו משנה זיין פון דעם וואס דער רמב"ם פסק'נט?!

ווארום "תורה לא בשמים היא"[163] און "לא הביישן למד"[164] - איז אויב א איד וועט האבן א ספק אין דעם אופן ווי משיח צדקנו וועט אויפבויען דעם ביהמ"ק, קען ער און ער דארף דאס ביי אים פרעגן.

און זיכער וועט משיח צדקנו קיין פאראיבל ניט האבן און ניט ברוגז ווערן - וויבאלד אז ער ווייסט אז דער דרך הלימוד אין תורה איז, אז "לא הביישן למד" - במילא וועט ער אים זיכער ענטפערן אויף זיין שאלה.

נב. וויבאלד אז בא תינוקות איז דא א "הבל שאין בו חטא"[165] זאלן אויך די קינדער לערנען אין די טעג הלכות בית הבחירה.

וואס אין דעם לימוד הלכות ביהב"ח פון די קינדער איז דא נאך א גרעסערע מעלה ווי אין דעם לימוד פון די גדולים:

די גמרא[166] זאגט, אז "אין מבטלין תינוקות של בית רבן אפילו לבנין בית המקדש",

וואס די הסברה בזה איז - אז לימוד התורה פון תינוקות של בית רבן איז העכער פאר בנין ביהמ"ק.

- בשעת -

---

161) סוכה נב, ב. 162) תו"א מקץ לד, ריש ע"ב. ובכ"מ. 163) ב"מ נט, ב. 164) אבות פ"ב מ"ה. 165) שבת קיט, ב. 166) שבת שם.

הנחה הת' בלתי מוגה

בשעת אבער די קינדער, די השב"ר, וועלן לערנען הלכות בית הבחירה - וועלן זיי דעמולט האבן ביידע מעלות:

זיי וועלן האבן די מעלה פון האבן אויפגעבויט דעם ביהמ"ק, ווארום דורך לערנען און עוסק זיין זיך אין "צורת הבית ותכונתו ומוצאיו ומובאיו וכל צורותיו גו'"[167], זאגט דער אויבערשטער "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית"[168],

און זיי וועלן אויך האבן די מעלה פון דעם וואס זיי דערגרייכן העכער פאר בנין ביהמ"ק, וויבאלד אז זיי לערנען תורה, און מ'איז זיי ניט מבטל פון לימוד התורה.

נג. ס'איז דאך "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז למען צורריך להשבית אויב ומתנקם"[169] - דערפאר איז אויך כדאי אז אין די נייך טעג זאל מען מאכן כינוסים, צוזאמענקלייבן קינדער, צוויי מאל, ומה טוב - דריי מאל.

וואס אע"פ אז איצטער איז דאס שווער צו טאן, וויבאלד אז רוב פון די בתי ספר זיינען שוין פארמאכט -

זאל מען דאס אבער טאן אין די מחנות קיץ, און אין די מחנות קיץ יומיים, וואס דארטן געפינען זיך א סאך קינדער צוזאמען, און אויך - טאן דאס אין די כתות פון די בתי ספר וואס האבן זיך נאך אלס ניט פארמאכט.

און בא די כינוסים זאל מען טאן מיט די קינדער אין "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[170] - מ'זאל מיט זיי לערנען אן ענין בהורה ("משפט"[171]), און זיי זאלן אויך געבן צדקה,

ונוסף לזה זאלן זיי אויך דאווענען אלע צוזאמען, און בסמיכות צום דאווענען זאלן זיי זאגן א קאפיטל תהלים.

וואס דעמולט וועט מען האבן אלע דריי קוין וואס עליהם "העולם עומד" און "העולם קיים" - תורה, עבודה (תפלה) און גמילות חסדים (צדקה), וואס דערפון ווערט אויך דער "חוט המשולש" וואס "לא במהרה ינתק"[172].

בעת דעם כינוס זאל מען אויך לערנען מיט קינדער אן ענין אין הלכות ביהב"ח, און מיט די קינדער וואס קענען נאך דאס ניט לערנען - זאל מען מיט זיי לערנען עטליכע פסוקים פון יחזקאל, אדער פון מלכים (וועגן בנין ביהמ"ק).

- וכמובן -

------------

167) יחזקאל מג, יא. 168) תנחומא צו יד. ובכ"מ.
169) תהלים ח, ג. 170) ישעי' א, כז. 171) לקו"ת ד"פ דברים (א, סע"ב ואילך). 172) קהלת ד, יב. וראה לקו"ש חי"ד ע' 270.

וכמובן אז דער לימוד אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן ביהמ"ק זאל ניט זיין במקום שאר הלימודים פון די קינדער, נאר בהוספה לזה.

נד. אויך אין ארץ הקודש זאל מען צוזאמענקלייבן בני ובנות ישראל (כמובן בנפרד, כאטש אז מ'וועט עס טאן באותו זמן), צוויי מאל, ומה טוב - דריי מאל - בא מערת המכפלה, און בא קבר רחל, ועאכו"כ - בא דעם כותל המערבי.

און דארטן טאן מיט זיי די אלע ענינים וואס מ'האט פריער אויסגערעכנט.

און דורך דערויף וועט מען אויפטאן אז עס זאל זיין "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם",

כולל ביידע פירושים אין להשבית, ביז צו דעם אופן אז זיי וועלן זיין באופן ד"שמש גדול"[173], ווי גערעדט בארוכה בשבעה עשר בתמוז[174].

ביז - אז דאס וועט ברענגען אז דער אויבערשטער וועט מאכן דעם בינום גדול, פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[175],

בגאולה האמיתית והשלימה, וואס וועט קומען, דורך דער עבודה הנ"ל, אין אן אופן פון "אחישנה"[176] אין דעם "אחישנה" גופא,

במהרה בימינו ממש.

* * *

נה. דער ביאור אין פירוש רש"י:

מ'האט גערעדט כמ"פ, אז מ'דארף זיך פארשטעלן דעם מצב הדברים ווי ס'איז געווען בשעת רש"י האט געלערנט מיטן בן חמש למקרא אין זיינע צייטן - ווי דער בן חמש למקרא האט גענומען אן ענין, און ווי רש"י האט דאס אים כסביר געווען.

ד.ה. (לדוגמא): ענינים אין הנהגות וואס דער בן חמש למקרא האט געזעהן אין זיין הויז אדער אין גאס, וואס זיי זיינען לכאורה בסתירה צו א זאך וואס ער לערנט אין חומש אין פשש"מ - קומט רש"י און באווארענט די סתירה בפירושו.

אמת טאקע אז ער באווארענט עס רוב מאל ניט אין אן אופן פון שאלה און תירוץ, נאר ער שרייבט א פירוש וואס

- באווארענט -

------------

173) ל' חז"ל - סנהדרין נט, ב. 174) סי"ח. 175) ישעי' כז, יב. 176) שם ס, כב. סנהדרין צח, א.

באווארענט לכתחלה די שאלה, חוץ פון איינציקע מאל וואס דער ביאור הענין פאדערט אז מ׳זאל דאס שרייבן אין אן אופן פון שאלה והירוץ,

[וואס דאס איז בכלל דער חילוק צווישן סגנון פון רש"י מיטן סגנון פון תוספות: רש"י שרייבט פירושו אין אן אופן וואס ער באווארענט לכתחלה אלע שאלות, משא"כ תוספות שרייבט אין אן אופן פון "ואם תאמר" און דערנאך פארענטפערט ער די שאלה] -

אבער ווי-ניט-ווי באווארענט רש"י א סתירה וואס דער בן חמש למקרא זעט בא זיך אין שטוב אדער אין גאס לגבי דאס וואס שטייט אין חומש].

נז. וער"ז בנדו"ד:

דער בן חמש למקרא אין די צייטן פון רש"י האט אדער געהאט א קרוב א כהן, אדער ער אליין איז געווען א כהן, אדער אין דער קהילה זיינע געווען כהנים,

און ער האט געזעהן אז אויך בזמנו (בזמן הזה, ניט נאר אין זמן הבית) האט זיך דער כהן אויסגעהיט פון זיך מטמא זיין, און אויב ער אליין איז געווען א כהן - איז מצד חינוך האט מען אים אויך אנגעזאגט אז ער דארף זיך היטן פון זיך מטמא זיין.

ער זעט אבער אז דאס איז נאר בנוגע צו מטמא זיין זיך צו א איד; משא"כ בשעת עס רעדט זיך וועגן א מת א גוי - זעט ער אז די כהנים אין זיין קהילה (אדער ער זעט בא זיך אליין, אויב ער איז א כהן, אדער ער זעט בא זיינעם א קרוב א כהן), זיינען זיך ניט נזהר פון זיך מטמא זיין צו דעם:

מ׳לעבט טאקע אין אן אנדער גאס פון די גוים, אבער בשעת עס גייט (אדער מ׳פירט דורך) א לוי׳ פון א גוי, זעט ער אז מען היט זיך ניט צו זיך ניט מטמא זיין דערצו.

איז בשעת ער לערנט אין פ׳ חקת וועגן טומאת מת, און אז מ׳דארף זיך דערפון מטהר זיין וכו׳ - ווערן ביי אים ניט קיינע שאלות, ווארום דארסן קען ער נאך לערנען אז טומאת מת איז שייך נאר בא אידן, אבער ניט בנוגע צו א גוי;

בשעת ער קומט אבער צו פ׳ מטות, און מ׳לערנט מיט אים אז ס׳איז געווען א מלחמה מיט מדין, און מ׳האט גע׳הרג׳ט כמה מענטשן, און מ׳זאגט דעם דין אז "כל הורג נפש וכל נוגע בחלל תתחטאו",

- קען ער ניט לערנען אז דער דין רעדט זיך וועגן זיך מטמא זיין צו א מת א איד - ווארום אין מלחמת מדין איז

- געווען -

געווען "לא נפקד ממנו איש"[177], קיין איין איד איז ניט געה׳רג׳ט געווארן, מוז מען זאגן אז דער דין וואס דער פסוק זאגט אז "כל הורג נפש וכל נוגע בחלל התחטאו" רעדט זיך וועגן זיך מטמא זיין צו א מת א גוי -

ווערט ביי אים א שטורעמ׳דיקע קשיא:

ער זעט דאך בא די כהנים אין זיין קהילה, אז זיי זיינען זיך ניט נזהר פון זיך מטמא זיין צו א מת פון א גוי - איז דאך דאס לכאורה א סתירה צו דעם וואס עס שטייט דא אין פסוק אז אויך בנוגע צו טומאת מת פון א גוי דארף זיין "התחטאו"?!

נז. וואס בכדי צו פארענטפערן די סתירה דארף רש"י זאגן זיין גאנצן פירוש, אז אע"פ וואס "קברי עובדי כוכבים אינן מטמאין באוהל", זיינען זיי אבער יע מטמא במגע ובמשא.

ד.ה. רש"י זאגט דעם בן חמש למקרא: דאס וואס דו זעסט אז כהנים היטן זיך ניט פון זיך מטמא זיין צו א מת א גוי, איז דאס נאר בנוגע צו טומאת אוהל, בנוגע אבער צו טומאת מגע ומשא - היטן זיי זיך יע.

נח. רש"י איז זיך אבער ניט מסתפק דערמיט, נאר ער זאגט אויך דעם טעם לדבר, פארוואס גוים זיינען מטמא נאר במגע ומשא און אידן אויך באוהל: "שנאמר ואתן צאני צאן מרעיתי אדם אתם, אתם קרויין אדם ואין עובדי כוכבים קרויין אדם", און "לא נאמר אדם אלא אצל טומאת אוהלים שנאמר אדם כי ימות באוהל".

והביאור בזה:

אין ריש פ׳ חקת האט דער בן חמש למקרא געלערנט (אין רש"י) אז די טהרה פון טומאת מת ווערט אנגערופן "זאת __חקת__ התורה" - "לפי שהשטן ואומות העולם מונין את ישראל לומר: מה המצוה הזאת ומה טעם יש בה כו׳",

איז ווען עס קומט צו דעם פסוק בפרשתנו, און רש"י זאגט דעם בן חמש למקרא אז גוים זיינען מטמא נאר במגע ובמשא אבער ניט באוהל, און אידן זיינען מטמא אויך באוהל - וואלט ער געקענט מיינען אז אויך אין דעם באשטייט דער עניין פארוואס דאס ווערט אנגערופן "זאת __חקת__ התורה", "לפי שהשטן ואומות העולם מונין את ישראל כו'" -

ווארום ס׳איז ניטא קיין גרעסערער היפך השכל ווי צו זאגן -

---

177) פרשתנו לא, מט.

זאגן אז גוים זיינען מטמא נאר במגע ובמשא, משא"כ אידן זיינען מטמא אויך באוהל!

דערפאר זאגט רש"י אויך דעם טעם לדבר פארוואס אידן זיינען מטמא אויך באוהל, וויבאלד אז "אתם קרויין אדם כו'" - בכדי צו שולל זיין אז דער פרט אין טומאת מת איז ניט קיין ענין פון "חוקה", וואס אויף אים זיינען דער שטן און אוה"ע מונין את ישראל, נאר דאס איז אן ענין מיט א טעם.

און רש"י דארף ניט מסביר זיין וואס דער חילוק צווישן אידן מיט גוים איז, וואס צוליב דעם איז "אתם קרויין אדם ואין עובדי כוכבים קרויין אדם" -

ווארום דער בן חמש למקרא ווייסט אז ס'איז געווען אן ענין פון מתן תורה, וואס דעמולט האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן אידן פון צווישן אלע פעלקער, "והייתם לי סגולה מכל העמים"[178].

נט. לפי הביאור דלעיל (סג"ו-נז) (אז רש"י קומט באווארענען די סתירה צווישן דעם וואס עס שטייט אין פסוק, אז גוים זיינען מטמא מיט דעם וואס דער בן חמש למקרא זעט בחייו הפרטיים) - דארף מען נאך פארשטיין פארוואס שרייבט רש"י פירושו אין דעם סגנון "שאף לדברי האומרים כו'" - ער האט געדארפט זאגן אז עס זיינען דא "דברי האומרים" אז "קברי עובדי כוכבים אינן מטמאין באוהל", אבער אויך זיי האלטן אז "עובדי כוכבים מטמאין במגע ובמשא"?

ובפרט אז די הלכה איז אזוי, ווי רש"י נעמט אן, און אויך דער רמב"ם[179] פסק'נט אזוי.

איז דער ביאור בזה:

אויב רש"י וואלט ניט געזאגט "שאף לדברי האומרים כו'", נאר ער וואלט געזאגט אז עס זיינען דא די וואס האלטן אזוי - וואלט דער בן חמש למקרא געמיינט אז פשטות הכתובים איז מכריח ווי דער וואס האלט אז "קברי עובדי כוכבים אינן מטמאין באוהל", און וויבאלד אז די מציאות איז ניט אזוי (אז פשטות הכתובים איז מכריח ווי דער וואס האלט אז "קברי עובדי כוכבים אינן מטמאין באוהל") - קען רש"י דאס ניט שרייבן אין אזא סגנון.

וואס דערפון זעט מען ווי אלע ענינים אין פירוש רש"י זיינען בדיוק.

ס. דער ביאור אין פרקי אבות:

- ר' יוסי -

---

178) יתרו יט, ה. 179) רמב"ם הל' טומאת מת פ"א הי"ג.

ר' יוסי איז דאך געווען א כהן (וואס אזוי שטייט אויך דא אין משנה ט' (לויט כמה גירסאות)) כנ"ל (סל"ט), וואס דער ענין פון א כהן איז - אהבה;

און ווי עס שטייט פריער "הוי מתלמידיו של אהרן אוהב שלום ורודף שלום, אוהב את הבריות ומקרבן לתורה", וואס די משנה (וואס ר' יוסי האט געזאגט) קומט בהמשך צו יענע משנה -

דערפאר לייגט זיך צו זאגן אז די אלע דריי ענינים וואס ר' יוסי האט געזאגט זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון אהבה, אהבת ישראל, "ואהבת לרעך כמוך"[180].

סא. והביאור בזה - ובהקדם:

דער ענין פון פרקי אבות איז דאך "מילי דחסידותא"[181].

וואס לכאורה: וואס איז דער ענין פון "מילי דחסידותא" אין דעם וואס ר' יוסי זאגט "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך" - ס'איז דאך א פשוט'ע הלכה אז עס טאר ניט זיין דער ענין פון גזילה און גניבה, השגת גבול וכו' מיט די אלע פרטים שבזה?!

איז דער ביאור בזה:

אויפן פסוק[182] "ויותר יעקב לבדו" - זאגט די גמרא אין חולין[183] אז "נשתייר על פכין קטנים", און דערפון לערנט אפ די גמרא אז "מכאן לצדיקים שחביב עליהם ממונם יותר מגופם".

ועד"ז לערנט אפ די גמרא אין סוטה[184] פון דעם וואס עס שטייט אויף יוכבד[185] אז "ותקח לו (פאר משה) תיבת גומא", וואס "גומא" איז א שוואכער האלץ.

[אין חדר האט מיר דער מלמד געטייטשט אז "גומא" מיינט "פינסן-האלץ", אבער איך האב דעמולט ניט געוואוסט וואס דאס מיינט "פינסן-האלץ", און איך ווייס אויך איצטער ניט וואס דאס מיינט.

און אויב מ'וועט פרעגן בא דעם מלמד וואס טייטשט אז "גומא" מיינט "פינסן-האלץ", וואס דאס מיינט - וועט ער אויך ניט וויסן, און דאס וואס ער האט אזוי געטייטשט, איז - דערפאר וואס אזוי האט אים געטייטשט זיין מלמד, וואס ער האט אויך ניט געוואוסט וואס דאס מיינט, און ער האט אזוי געטייטשט אויך דערפאר וואס זיין מלמד האט אים אזוי געטייטשט וכו'.

- און -

---

180) קדושים יט, יח. 181) ב"ק ל, א. 182) וישלח לב, כה. 183) צא, סע"א. 184) יב, סע"א. 185) שמות ב, ג.

הנחת הת' בלתי מוגה

און דאס ווערט "הורה" - אז בשעה מ'פרעגט וואס איז "גומא" זאגט מען אז דאס איז "פינסן-האלץ"!

וואס דער מקור פון וואנעט דער (ערשטער) מלמד האט גענומען אז "גומא" מיינט "פינסן-האלץ" - איז גאר פון א דייטשישן ביכל.

עכ"פ - "גומא" מיינט א שוואכער האלץ.

און דערפון לערנט אפ די גמרא אז "מכאן לצדיקים שממונם חביב עליהן יותר מגופן", ווארום אע"פ "שהי' משתמר גופו (של משה) יותר בשל עצים שקשים וחזקים"[186], אעפ"כ האט יוכבד גענוצט א "תיבת גומא", "שדמיו מועטין" - וויבאלד אז בא צדיקים איז "ממונם חביב עליהן יותר מגופן".

וואס אויף דערויף איז דא א קלאץ-קשיא וואס מ'געפינט ניט אז מ'זאל זיך בכלל שטעלן אויף דעם:

ווי האט יוכבד געקענט נעמען א קינד פון דריי חדשים און אים איינשטעלן אין סכנה - דורך ארייגלייגן אים אין א "תיבת גומא", און ניט אין א תיבה פון שטארקע האלץ וואו ער וועט זיין מער געהיט?!

ובפרט אז יוכבד איז פריער געגאנגען אויף מס"נ צו היטן משה רבינו - און דא מיטאמאל לייגט זי אים אריין אין א "היבת גומא" און שטעלט אים איין אין סכנה!

בשלמא די גמרא אין חולין, רעדט זיך דארטן וועגן יעקב אבינו, אז ער האט זיך אליין איינגעשטעלט אין סכנה בכדי צו מציל זיין די "פכין קטנים";

דא רעדט זיך אבער אז יוכבד האט איינגעשטעלט א צווייטן (משה רבינו) אין סכנה דערפאר וואס "צדיקים ממונם חביב עליהן יותר מגופן"!.

סב. דער ענין וואס צדיקים "חביב עליהם ממונם יותר מגופם" - רעדט זיך ניט וועגן גרויסע געלטער, און אפילו ניט וועגן א שוה פרוטה, נאר וועגן "ממונם" וואס איז פחות משוה פרוטה -

ווי ס'איז פארשטאנדיק פון די ראי' וואס די גמרא (אין חולין) ברענגט פון יעקב אבינו, "ויותר יעקב לבדו - שנשתייר על פכין קטנים", וואס די "פכין קטנים" זיינען ניט געווען קיין דברים חשובים, ווי רש"י טייטשט אפ - "כל כלים החשובים ומקנה כבר העבירן את נחל יבוק, כדכתיב לעיל מיני'[187] ויעבר את כל אשר לו[188], והוא נשאר על פכים קטנים

- שלא -

---

186) פרש"י ד"ה שחביב - סוטה שם. 187) וישלח שם, כד.
188) כ"ה בפרש"י כאן. אבל בפרש"י שבע"י ליתא.

שלא הספיק להעביר וחשכה לו",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די "פכין קטנים" זיינען ניט קיין שוה פרוטה, וואָרום אויב די "פכין קטנים" וואלטן געווען ווערד א שוה פרוטה, איז דאך ע"פ דין איז א שוה פרוטה כדין מנה, און כדין מאה מנה[189], און דאס איז א שיעור נתינה ע"פ תורה (לגבי קידושין ועוד), ווײבאלד אז ס'איז א דבר חשוב -

וואלט מען ניט געקענט זאגן אז "ויעבר את כל אשר לו", וואס "כל אשר לו" באווייזט אויף אלע זיינע דברים חשובים, וואָרום עס זיינען נאך דא די "פכין קטנים" וואס האבן א חשיבות ע"פ תורה וואס ער האט איבערגעלאזט,

וואס דערפאר מוז מען זאגן אז די "פכין קטנים" זיינען ניט געווען קיין שוה פרוטה[190], און דערפון וואס "ויותר יעקב לבדו" בכדי צו מציל זיין די "פכין קטנים" - איז א ראי' אז צדיקים "חביב עליהם ממונם יותר מגופם" - אז אפילו צוליב א פחות משוה פרוטה שטעלן זיי זיך אויך איין אין סכנה דערפאר וואס "חביב עליהם ממונם יותר מגופם".

סג. עפ"ז איז פארשטאנדיק די הודאה אין "מילי דחסידותא" פון דעם וואס ר' יוסי זאגט "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך":

ע"פ דין דארף מען זיך היטן פון גזילה וגניבה נאר פון א שוה פרוטה און מערער, וואָרום דער גאנצער ענין פון גזילה און גניבה איז שייך נאר בא א שוה פרוטה, וואס איז א דבר חשוב[191], משא"כ בא פחות משוה פרוטה, איז כאטש אז לכתחלה איז דארטן אויך דא דער איסור פון גזילה און גניבה[192], איז אבער בא אידן איז יענער מוחל אויף דערויף [משא"כ גוים זיינען ניט מוחל אויך אויף א פחות משוה פרוטה][193];

מצד "מילי דחסידותא" אבער - זאגט ר' יוסי (וואס ר' יוסי איז דאך געווען א "חסיד", כנ"ל (סל"ט)) "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך":

ווײבאלד אז "ועמך כולם צדיקים"[194] איז בא יעדער איד דא דער ענין פון צדיקים "חביב עליהם ממונם יותר מגופם".

איז פונקט ווי אפילו א פחות משוה פרוטה איז ביי אים חביב יותר מגופו - אזוי זאל אויך זיין "ממון חברך חביב - עליך -

---

189) סנהדרין ה, רע"א. 190) ראה גם חדא"ג מהרש"א לחולין שם ד"ה על פכים. 191) חינוך מצוה רכט. שו"ע אדה"ז ריש הל' גזילה וגניבה. 192) רמב"ם הל' גניבה פ"א ה"ב. שו"ע אדה"ז שם. 193) סנהדרין נז, א. 194) ישעי' ס, כא.

עליך כשלך", אז אויך א פחות משוה פרוטה פון חברך זאל בא אים זיין חביב ("כשלך"),

במילא וועט ער ניט אנרירן אפילו א פחות משוה פרוטה פון א צווייטן אידן, און אויך - פועל'ן אז אנדערע זאלן דאס ניט אנרירן.

וואס דאס קומט מצד דערויף וואס ס'איז דא דער ענין פון אהבת ישראל, "ואהבת לרעך כמוך" - וואס דערפאר איז "ממון חברך חביב עליך כשלך", אז אזוי ווי ביי אים איז ממונו חביב עליו יותר מגופו, אזוי איז ביי אים אויך בנוגע צו ממון חבירו.

סד. דערנאך זאגט ר' יוסי "והתקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך":

ס'איז דא א חלק און אן ענין אין תורה וואס איז ניט שייך צו דעם ענין הירושה אין תורה, און בכדי מ'זאל באקומען דעם חלק אין תורה דארף מען דאס קונה זיין.

וואס דאס באקומט מען דורך דערויף וואס עס זיינען דא די "ארבעים ושמונה דברים" וואס בהם "התורה נקנית", ווי עס שטייט ווייטער אין דער ברייתא פון קנין תורה[195],

וואס צווישן די "ארבעים ושמונה דברים" איז אויך דא דער ענין פון אהבת ישראל אין לימוד התורה - "דיבוק חברים", "פלפול התלמידים", "שואל ומשיב" וכו':

דער ענין פון "דיבוק חברים" און "פלפול התלמידים" איז ניט דער פירוש אז די חברים פאסטן זיך איינער דעם צווייטן אויפן פלייצע בשעת דעם לערנען - נאר אז זיי לערנען און זיינען זיך מפלפל אין אן אופן פון "דיבוק", אז זיי האבן פשוט ליב איינער דעם צווייטן.

ועד"ז בנוגע צו "שואל ומשיב": בשעת יענער פרעגט אים א שאלה, ענטפערט ער אים ניט אז ער איז אן עם-הארץ, און ער רעדט ניט צו דער זאך וכו' - נאר ער ענטפערט אים מתוך אהבה.

וואס דאס איז דער ענין פון "התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך", ע"ד ווי "הכון לקראת אלקיך ישראל"[196] (וואס דערפאר "צריך לאזור אזור בשעת התפלה"[197]) - אז מ'דארף זיך מכין זיין צו לימוד התורה אין אן אופן אז ביי אים איז דא אהבת ישראל,

- און -

------------

195) משנה ו. 196) עמוס ד, יב. 197) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סצ"א ס"ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

און דעמולט איז מען "קונה" די תורה, מ'באקומט דער חלק שבתורה "שאינה ירושה לך".

סה. עפ"ז האט אבער לכאורה געדארפט שטיין אין דער משנה "הכון עצמך" און ניט "התקן עצמך"?

וואס דערפאר איז נוסף צו דער טייטש אין "התקן" ע"ד "הכון" איז אויך דא דער טייטש אין "התקן עצמך" - אז מ'דארף זיך מתקן זיין, וואס אויך דאס האט א שייכות מיט דעם ענין פון אהבת ישראל אין לימוד התורה שלו. והביאור בזה:

דער טבע וואס דער אויבערשטער האט באשאפן אין א מענטשן איז - אז "אדם קרוב אצל עצמו"[198].

דערנאך דארף אבער זיין דער "לעשות - לתקן"[199], דער מענטש דארף מתקן זיין דעם טבע וואס דער אויבערשטער האט אין אים באשאפן, ד.ה. אז ביי אים דארף זיין דער "התקן עצמך" - מתקן זיין דעם טבע זיינעם פון "אדם קרוב אצל עצמו", אז עס זאל ביי אים זיין "ואהבת לרעך כמוך".

וואס איז אבער די עצה אויף דערויף? וכידוע די שאלת המפרשים[200] בזה, ווי קען מען מאנען אז ביי א מענטש וואס בטבעו איז ער "קרוב אצל עצמו", זאל זיין "ואהבת לרעך כמוך"?!

ענטפערט דער מגיד און דער אלטער רבי אויף א שאלה בדומה לזה[201] - ווי קען מען מאנען דעם ענין פון "ואהבת את ה' אלקיך"[202] בשעת אהבה איז א רגש שבלב - אז דער ציווי איז אויף דער התבוננות, מ'דארף זיך מתבונן זיין אין די ענינים וואס ברענגען צו אהבה, וועט דאס במילא גורם זיין אז ער זאל האבן אהבת ה'.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו אהבת ישראל, ובפרט אז "ואהבת לרעך כמוך" איז חד הוא מיט "ואהבת את ה' אלקיך"[203] - אז דער אופן ווי מ'קומט צו אז עס זאל זיין "ואהבת לרעך כמוך" איז - דורך דערויף וואס ער איז זיך מתבונן אין די ענינים וואס ברענגען צו דער אהבה.

און דאס איז דער ענין פון "התקן עצמך", אז ער איז מתקן זיין אייגענעם טבע פון "אדם קרוב אצל עצמו" דורך מתבונן זיין זיך אין אהבת ישראל, וואס דאס ברענגט במילא אז ביי אים זאל זיין "ואהבת לרעך כמוך".

- סו. -

------------

198) יבמות כה, ב. וש"נ. 199) בראשית ב, ג. ב"ר פי"א, ו ובפרש"י שם. 200) רמב"ן עה"פ קדושים יט, יח. 201) הוספות לאו"ת (הוצאת קה"ת) אות יב. וש"נ. 202) ואתחנן ו, ה. 203) סה"מ ה'ש"ת ע' 3.

סו. און דורך דערויף וואס ביי אים איז דא דער ענין פון "ההקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך", אז ער האט דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" אין לימוד התורה שלו - באקומט ער אויך דעם ענין הקנין שבתורה, נוסף אויף דעם ענין הירושה שבתורה וואס ער האט בלאו הכי.

משא"כ אויב ביי אים איז דא נאר דער ענין פון לימוד התורה, אן דעם ענין פון "ההקן עצמך", אהבת ישראל - איז דער ענין הירושה שבתורה בלייבט ביי אים גאנץ, וויבאלד אז יעדער איד האט די תורה בירושה, "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב" - דעמולט וואלט ביי אים אבער געפעלט דער ענין הקנין שבתורה.

סז. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין די הוספה אין דעם ענין פון אהבת ישראל אין "ההקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך", לגבי אהבת ישראל אין "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך":

דער ענין פון "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך" איז - אז ממון חבירו איז ביי אים חביב ווי זיין אייגענער ממון, וואס זיין אייגענער ממון איז ביי אים חביב יוהר מגופו, ווארום צדיקין "חביב עליהם ממונם יותר מגופם", כנ"ל באריכה (סס"ג);

דאס איז אבער נאר בנוגע צו "ממונם" פון צדיקים וואס איז "חביב עליהם יוהר מגופם"; בנוגע אבער צו תורתם זאגט מען ניט אז "ממונם חביב עליהם יוהר מתורהם" ה"ו, ווארום בא צדיקים איז טייערער תורהם ווי ממונם.

וואס לפ"ז איז פארשטאנדיק, אז אויב אין משנה וואלט נאר געשטאנען "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך", וואלט מען געקענט מיינען: בשלמא דער ענין פון "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך", איז פארשטאנדיק אז אזוי דארף זיין מצד אהבת ישראל;

ווען עס קומט אבער צו אן ענין פון תורה - איז דארטן דארף ניט זיין דער ענין פון אהבת ישראל, וויבאלד אז ביי אים איז תורתו א סאך מערער חביב ווי ממונו, במילא דארף ער זיך ניט בייגן אויף דעם צוליב א צווייטן אידן:

וויבאלד אז תלמידי ב"ש זיינען אוסרין, און ער איז פון תלמידי ב"ה וואס זיי זיינען מתירין - איז וואס הייסט אז ער וועט ניט איינגאנצן מבטל זיין תלמידי ב"ש?!

דערפאר קומט דער צווייטער ענין וואס ר' יוסי זאגט און איז מחדש אז (ניט נאר "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך", נאר) אויך אין לימוד התורה דארף זיין אהבת ישראל - "התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך" (כנ"ל).

- סח. -

סח. דערנאך זאגט ר' יוסי "וכל מעשיך יהיו לשם שמים". והביאור בזה:

די גמרא זאגט אין ברכות[204] אז "כל הנהנה מן העוה"ז בלא ברכה כאילו גוזל להקב"ה וכנסת ישראל שנאמר[205] גוזל אביו ואמו (ואין אביו אלא הקב"ה . ואין אמו אלא כנסת ישראל)".

בשעת ער מאכט אבער א ברכה - קען ער הנאה האבן דערפון, ווארום דעמולט באקומט ער א בעה"ב'טישקייט אויף דעם, ווי עס שטייט "והארץ נתן לבני אדם",

ווי די גמרא איז דאס דארטן[206] מבאר: "כתיב[207] לה' הארץ ומלואה וכתיב[208] השמים שמים לה' והארץ נתן לבני אדם? לא קשיא כאן קודם ברכה כאן לאחר ברכה".

וואס אזוי איז דער דין בנוגע צו אלע ענינים אויף וועלכע מ'איז מחוייב מאכן א ברכה - אז אויב מ'מאכט ניט קיין ברכה אויף דערויף איז דאס אן ענין פון גזילה, און אויב מ'מאכט יע א ברכה ווערט דאס א חלק פון "הארץ נתן לבני אדם".

קומט ר' יוסי און איז מחדש, אז ע"פ "מילי דחסידותא" דארף זיין "כל מעשיך יהיו לשם שמים":

אפילו "מעשיך" וואס אויף צו זיך משתמש זיין און הנאה האבן דערפון דארף מען אויף זיי ניט מאכן קיין ברכה, און אין כמה ענינים איז גאר אסור צו מאכן א ברכה, וויבאלד אז דאס איז א ברכה לבטלה - איז אבער אין רגש האדם, דארף ער מרגיש זיין אז "כל מעשיך" זיינען "לשם שמים" - אז סיי "דיבורו", סיי "הילוכו", סיי "משאו ומתנו", "שינתו" און אלע זיינע ענינים ("מעשיך") זיינען "לשם שמים"; בשעת ער טוט די אלע ענינים זאגט ער ברוך ה', וכיו"ב.

וואס בכללות איז דער תוכן פון אזא עבודה - דער ענין פון אהבת ה', אז מצד אהבתו להקב"ה, טוט ער אלע זיינע ענינים ("כל מעשיך") "לשם שמים".

אהבת ה' איז דאך אבער א מצוה מן התורה, ביז אז דאס איז דער שרש אויף אלע רמ"ח מ"ע (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[209]), איז דאך דאס ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא" און הידור והוספה במצווה;

- כשא"כ -

---

204) לה, ריש ע"ב ואילך. 205) משלי כח, כד. 206) ברכות שם, סע"א. 207) תהלים כד, א. 208) שם קטו, טז. 209) רפ"ד.



הנחה הת' בלתי מוגה

משא"כ אבער ווען ער טוט "כל מעשיך" "לשם שמים", ד.ה. אז אויך די ענינים וואס דער אויבערשטער האט אים אפגעגעבן אז זיי זיינען זיינע ענינים, און ער דארף אויף זיי ניט מאכן קיין ברכה, טוט ער אויך זיי "לשם שמים" - דעמולט דריקט זיך אויס דער ענין פון "מילי דחסידותא" אין זיין אהבת ה', א הידור און הוספה אין זיין אהבת ה' - אז אויך די ענינים וואס ער איז אויף זיי ניט מחוייב צו מאכן א ברכה לה', און ביז - אז ער טאר גאר ניט מאכן א ברכה לה' - איז אויך זיי טוט ער "לשם שמים".

סט. און דאס איז דער קשר פון דעם ענין פון "וכל מעשיך יהיו לשם שמים" מיט די פריערדיקע צוויי ענינים, "יהי ממון חברך חביב עליך כשלך", און "התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך":

די ערשטע צוויי ענינים זיינען דער ענין פון "מילי דחסידותא" אין "ואהבת לרעך כמוך", אן ענין פון הידור והוספה אין אהבת ישראל;

הערנאך קומט מען צו דעם דריטן ענין, "וכל מעשיך יהיו לשם שמים", וואס דאס איז דער ענין פון "מילי דחסידותא" אין אהבת ה'.

וואס אהבת ה' און אהבת ישראל איז כולא חד, כתורת אדה"ז (כנ"ל).

דער קשר צווישן אהבת ישראל מיט אהבת ה' איז אויך מודגש אין דעם וואס רש"י איז מפרש צוויי פירושים אויף דעם וואס די גמרא[210] זאגט "דעלך סני לחברך לא תעביד" - א) "ריעך וריע אביך אל תעזוב[211] זה הקב"ה כו'", ב) "חבירך ממש כו'",

וואס דערפון וואס רש"י איז מפרש די צוויי פירושים אויף דעם זעלבן ענין, איז פארשטאנדיק[212] אז זיי האבן א קשר בתוכן צווישן זיך, ד.ה. אז דער ענין פון אהבת ה' ("ריעך - זה הקב"ה") און אהבת ישראל ("חבירך ממש") האבן א קשר ושייכות צווישן זיך.

ע. ע"פ הנ"ל זיינען פארשטאנדיק די אלע דיוקים אין דער משנה:

ס'איז פארשטאנדיק פארוואס-דוקא ר' יוסי האט געזאגט

- די -

---

210) שבת לא, א. 211) משלי כז, י. וראה גם שמו"ר רפכ"ז. 212) ראה לקו"ש ח"ג ע' 782. ועוד.

די דריי ענינים" וויבאלד ער איז געוועז א כהן, וואס ענינו איז אהבה, און ער איז געוועז א חסיד, וואס הנהגתו איז אין אן אופן פון "מילי דחסידותא".

ס'איז אויך פארשטאנדיק דער ענין פון "מילי דחסידותא" אין די אלע דריי ענינים, און ס'איז אויך פארשטאנדיק דער סדר פון די דריי ענינים.

עא. וויבאלד אז מ'רעדט וועגן אהבת ישראל - קומט דאס אויך בקשר מיט דעם איצטיקן זמן פון בין המצרים:

מ'האט שוין גערעדט כמ"פ אז אין די ניין טעג זאל מען מאכן סיומים אויף מסכתות שבש"ס. וואס דאס קען מען טאן אויף צוויי אופנים:

א) מ'קען זיך פארשליסן אין א חדר און מאכן א פייערדיקן סיום פאר זיך אליין, און הארעווען און מחדש זיין חידושים און דערגרייכן עד לב השמים - אבער דעמולט איז נאר ער אליין הערט דאס;

אדער ב) מ'קען מאכן א סיום אין אן אופן אז דאס זאל אנקומען אויך צו א צווייטן - אדער דורך דעם וואס יענער געפינט זיך בא דעם סיום, אדער דורך דעם וואס מ'מאכט דעם סיום אויפן רדיא וכיו"ב.

וואס דוקא אין דעם צווייטן אופן איז מודגש דער ענין פון אהבת ישראל - וויבאלד אז מ'מאכט דעם סיום אין אן אופן אז אויך אנדערע אידן קענען הערן דעם סיום און זיך משמח זיין דערמיט וכו'.

עב. דער צווייטער אופן הנ"ל (מאכן א סיום אז דאס זאל אויך דערגרייכן דעם זולת) קען מען טאן בכמה אופנים, כולל אויך דורך רדיא, כנזכר לעיל.

והביאור בזה - ובהקדם:

עס זיינען דא כמה ענינים (אין תורה ומצוותי') וואס ע"פ תורה איז נוגע אז מ'זאל אין דערויף האבן קול אדם,

לדוגמא די מצוה פון מקרא מגילה, קבלת עדות, ברכות, און נאך ענינים וואס זיינען דברים שבקדושה.

**וואס דערפאר קען מען אויף די ענינים ניט נוצן קיין טלפון אדער רדיא - ווארום דער קול פון טלפון און רדיא איז ניט קיין קול אדם.**

און דאס וואס מ'געפינט אין כמה תשובות פון אחרונים אז זיי זיינען מהיר צו זיך באנוצן מיט טלפון אדער רדיא אויף ענינים וואס דארפן האבן קול אדם - איז דאס דערפאר

- וואס -



הנחה הה' בלתי מוגה

וואס מ'האט זיי פשוט ניט מסביר געווען די מציאות כמו שהיא ווי עס ארבעט א טלפון אדער א רדיא, נאר מ'האט זיי מסביר געווען אז טלפון און רדיא ארבעטן אזוי ווי א טרייבל, אז דאס איז ניט משנה דעם קול אדם, נאר דאס פארברייטערט אים.

די מציאות איז אבער ניט אזוי:

דער אופן ווי טלפון און רדיא ארבעטן, איז - אז דורך דעם וואס ס'איז דא א קול אדם מאכט דאס א שינוי אין דעם מתכת לעבן דעם פה המדבר, און דאס פועל'ט אז עס זאל ווערן א שינוי אין דעם מהכה לעבן דעם אוזן השומע, און דאס קומט ארויס דער קול פון אן אל"ף, א בי"ת, א גימ"ל וכו', און דאס הערט דער שומע.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז דער קול וואס דער שומע הערט איז ניט קיין קול אדם, און דאס איז אפילו ניט כחו, אדער כח כחו אדער כח כח כחו, דאס איז ניט ווי לדוגמא איינער וואס גיסט מים און די מים האבן מנענע געווען א ברעטל, און די ברעטל האט מנענע געווען א סכין, און דער סכין האט געקוילעט א בהמה[213], וואס דאס איז סוף סוף כח האדם;

משא"כ בנדו"ד איז דער קול אדם וואס דעדט אין טלפון אדער אין רדיא, אינגאנצן נשתנה געווארן צו א נייע מציאות, און יענע נייע מציאות הערט דער שומע.

עג. האמור לעיל איז אבער נאר בנוגע צו אן ענין וואס דארף האבן קול אדם ע"פ תורה;

בשעת מ'דעדט אבער וועגן א סיום המסכת, וואס ענינה איז צו פועל'ן אויפן רגש האדם א תנועה פון שמחה - איז דאך ניט קיין נפק"מ צי ער הערט דעם סיום דורך קול אדם אדער ניט, ווארום אים איז נאר נוגע דער תוכן הסיום, און דער רגש פון שמחה וואס דאס איז גורם.

ולדוגמא: בשעת איינער הערט אויפן רדיא א סיום אויף מסכת תענית - הערט ער אז "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בגן עדן, וכל אחד ואחד מראה באצבעו, שנאמר[214] ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה' קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו" -

איז דאך אים ניט נוגע אז ער האט עס געהערט אויפן רדיא, ובמילא איז דאס ניט קיין קול אדם - אים איז מערניט ווי נוגע דער תוכן הסיום, און די שמחה וואס דאס פועל'ט אויף אים.

- איי -

------------

213) ראה טושו"ע יו"ד ס"ז. 214) ישעי' כה, ט.



הנחת הת' בלתי מוגה

איי איז די שאלה - אז ער הערט נאר דעם סיום המסכת און ניט די גאנצע מסכת ביזן סיום, איז וואס איז ביי אים די שמחה -

איז אבער די זעלבע שאלה דא (ניט נאר בנוגע צו איינעם וואס הערט דעם סיום אויפן רדיא, נאר) אפילו בנוגע צו איינעם וואס זיצט בא דעם זעלבן טיש פון דעם וואס מאכט דעם סיום, און ער הערט נאר דעם סיום המסכת.

ובפרט לויט דעם מנהג ווי ס'איז איצטער איינגעפירט, אז דער וואס מאכט דעם סיום איז ניט דער זעלבער וואס האט געלערנט דעם שיעור הקבוע בכל יום ויום, ד.ה. אז נאך דעם וואס דער וואס האט געלערנט דעם שיעור הקבוע האט געענדיקט לערנען די מסכת, קומט א צווייטער און זאגט דעם סיום.

און די הסברה בזה (ווי פועל'ט דער סיום אויף אים שמחה אפילו אויב ער הערט נאר דעם סיום המסכת), איז:

א) דאס גופא וואס ער הערט דעם סיום המסכת איז ביי אים א שמחה (אפילו ניט הערנדיק וואס עס שטייט פריער אין מסכת).

ב) כההסבר הידוע - בשעת איינער איז זיך משמח דערפאר וואס זיין ברודער איז בשמחה - פרעגט מען ניט קיינע שאלות פארוואס ער איז בשמחה.

ועד"ז בנדו"ד: וויבאלד אז דער וואס זאגט דעם סיום איז בשמחה דערפון וואס ער האט מסיים געווען א גאנצע מסכת - פועל'ט עס בדרך ממילא אז די וואס הערן פון אים דעם סיום זאלן אויך זיין בשמחה.

ג) ועוד ועיקר:

אודאי אויב מ'קען אליין מאכן א סיום - זאל מען דאס אליין מאכן; אויב אבער איינער קען אליין ניט מאכן א סיום - זאל ער זיך משתתף זיין צו דעם סיום (עכ"פ) פון א צווייטן, ומה טוב כפה לאוזן במעמד עשרה;

און אויב איינער האט זיך (מאיזה סיבה שתהי') ניט משתתף געווען צו א סיום פון א צווייטן, און ער וועט בלאו הכי עסן זאכן וואס מ'דארף אויף זיי האבן א סיום צו מעגן עסן וכו' - זאל ער עכ"פ אויך הערן א סיום אויפן רדיא.

עד. האמור לעיל איז בנוגע צו הערן א סיום בקשר מיט קענען עסן בשר וכו';

מ'דארף זיך דאך אבער אויך משתדל זיין צו מאכן (אדער

- הערן) -



הנחת הת' בלתי מוגה

הערך) א סיום בתשעה באב עצמו, אויף א מסכת וואס מ׳מעג דעמולט לערנען - מסכת מועד קטן,

וואס לכאורה בתשעה באב עסט מען דאך ניט - דארף מען פארשטיין וואס איז דער ענין פון מאכן א סיום המסכת בתשעה באב?

איז די הסברה בזה:

א) איינער וואס מוז עסן בתשעה באב מטעם הבריאות - זאל ער עכ"פ אויך הערן א סיום.

ב) דער עצם זאך פון מאכן א סיום המסכת פועל׳ט אן ענין פון שמחה.

איז בשעת עס קומט תשעה באב, וואס דעמולט איז א זמן וועו עס שטייט בגלוי דער ענין פון "מפני חטאינו גלינו מארצנו" - וויל מען פועל׳ן אז עס זאל זיין וואס ווייניקער עצבות און מרירות,

במילא איז א גוטע זאך צו מאכן דעמולט א סיום אויף א מסכת וואס איז מותר צו לערנען בתשעה באב, מסכת מועד קטן (כנ"ל), און וויבאלד אז ס׳איז מותר צו לערנען די מסכת ע"פ תורה - פועל׳ט דער סיום המסכת דעם ענין השמחה אויף וויפל ס׳איז שייך שמחה בתשעה באב.

ועי"ד דער ענין וואס מ׳זאגט נחם תשעה באב אחר חצות - וואס "נחם" איז מנחם אידן פון זייער אבילות בתשעה באב.

ג) דורך דעם וואס מ׳וועט דעמולט מאכן א סיום - וועט צוקומען אז מ׳האט געלערנט נאך אן ענין אין תורה!

ויה"ר אז מ׳זאל טאן אין די אלע ענינים אין אן אופן דמוסיף והולך ואור,

ביז מ׳וועט קומען צו דעם "אור עולם"[215], און צו דעם אור הגאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

* * *

עה. דער ביאור אין דער סתירה צווישן דעם רמב"ם אין הלכות בית הבחירה מיט דער רמב"ם אין מו"נ (ווי דער צ"צ ברענגט אראפ און איז מבאר):

ס׳איז ידוע אז עס זיינען דא כמה ענינים וואס דער רמב"ם שרייבט אין פירוש המשניות שלו באופן אחד, און אין ספרו "יד החזקה" שרייבט ער באופן אחר, בסתירה צו דעם וואס ער שרייבט אין פירוש המשניות,

- וואס -

---

215) ל׳ הכתוב - ישעי׳ ס, יט-כ.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

וואס דעמולט איז דער כלל אז מ'פסק'נט להלכה ווי עס שטייט אין ספר יד החזקה[216].

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו א סתירה פון מורה נבוכים צום יד החזקה:

עס זיינען דא ענינים וואס טראגן זיך ארויס ע"פ חקירה דקדושה באופן אחד, וואס דאס איז ווי די ענינים שטייען אין מו"נ, וואס אויך דאס איז "דברי אלקים חיים"[217], אויך דאס האלט אויס אין שקו"ט פון תורה,

און ס'איז דא ווי דער ענין קומט אראפ אין הלכה בפועל, וואס דאס איז ווי דער ענין שטייט אין ספר יד החזקה.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק ווי דער רמב"ם קען שרייבן וועגן השראת השכינה במקום המקדש אין מו"נ באופן אחד, און אין יד החזקה באופן אחר.

ער. עפ"ז איז אבער נאך אלץ ניט גלאטיק:

בשעת דער צ"צ ברענגט אראפ שיטת הרמב"ם אין מו"נ, האט ער געדארפט זאגן אז דאס איז שיטתו נאר אין מו"נ, משא"כ אין יד החזקה שרייבט ער באופן אחר?

איז דער ביאור בזה, אז ס'איז טאקע קיין סתירה ניט צווישן דעם וואס דער רמב"ם זאגט אין מו"נ מיט דעם וואס ער זאגט אין הלכות ביהב"ח (אין יד החזקה). והביאור בזה:

אין דעם בית המקדש זיינען געווען חילוקים און דרגות בקדושתו:

אין בית ראשון זיינען אלע ענינים געווען בשלימות, משא"כ אין בית שני האבן געפעלט "חמשה דברים"[218].

אויך אין בית ראשון גופא איז געווען א זמן וואס אין אים איז געווען דער ארון אין קודש הקדשים, און דערנאך איז געווען א זמן וואס דער ארון איז ניט געווען אין קה"ק, ווארום "יאשיהו גנזו" (ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ[219]).

וואס דער חילוק אין דעם ביהמ"ק, צי ס'איז געווען דער ארון אדער ניט, איז נוגע אויך להלכה, בנוגע צו די הזאות וואס מ'האט מזה געווען יוהכ"פ בין בדי הארון, וואס בשעת עס איז ניט געווען דער ארון האט מען ניט געקענט מאכן די הזאות בין בדי הארון, ועד"ז נאך כמה חילוקים בנוגע להלכה[220].

- עז. -

---

216) יד מלאכי כללי הרמב"ם בהחלתן. 217) ראה עירובין יג, ב. 218) יומא כא, ב. 219) בהל' ביהב"ח פ"ד ה"א. ביומא נב, ב. 220) ראה מעשי למלך לרמב"ם שם. וש"נ.

עז. עד"ז איז פארשטאנדיק, און אזוי לייגט זיך אויך בפשטות – אז ס׳איז דא א חילוק אין קדושת ביהמ"ק פאר דעם וואס אין אים איז געווען עבודה, און נאך דעם וואס אין אים איז געווען עבודה.

ובלשון הרמב"ם[221]: "מצות עשה לעשות בית לה׳ מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות",

וואס דאס איז ווי דער ביהמ"ק איז מצד עצמו בשעת ער ווערט אויפגעבויט, אז ער איז א "בית לה׳ מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות", אבער קרבנות בפועל האט מען אין אים נאך ניט מקריב געווען;

ס׳איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז דערנאך ווען מ׳איז אין אים מקריב קרבנות בפועל טוט זיך אויף נאך א העכערער ענין אין קדושת ביהמ"ק – וויבאלד אז מ׳האט אין אים מקיים געווען בפועל דעם ענין וואס צוליב אים איז ער געבויט געווארן, "להיות מקריבים בו הקרבנות",

און מיט יעדער קרבן מערער וואס מ׳איז מקריב אין ביהמ"ק פועל׳ט מען נאכמער אין קדושת ביהמ"ק.

און אזוי איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס נאכן בנין ביהמ"ק (בזמן שלמה) זיינען געווען י"ד ימי החינוך[222],

וואס בפשטות לייגט זיך צו זאגן, אז יעדער טאג פון די ימי החינוך איז צוגעקומען מער קדושה אין דעם ביהמ"ק – ווארום אויב ניט ווערט די שאלה: פארוואס האט מען געדארפט האבן י"ד ימי חינוך און ס׳איז ניט געווען גענוג ווייניקער?!

וואס דערפאר לייגט זיך צו זאגן אז יעדער טאג פון די ימי החינוך האט גע׳פועל׳ט מער קדושה אין דעם ביהמ"ק,

ועד כדי כך, אז ווען ס׳איז געקומען דער טאג פון יוהכ"פ אין יענעם יאר (ווען ס׳איז געווען דער חינוך ביהמ"ק), וואס ער איז אויסגעפאלן אין די ימי החינוך – האט מען ניט געפאסט, נאר מ׳האט געגעסן און געטרונקען[223], ווארום מצד חינוך ביהמ"ק דעמולט האט מען געקענט אויפטאן ביוהכ"פ מיט עסן און טרינקען – אן עילוי נעלה,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מ׳האט אין יענעם טאג גע׳פועל׳ט אין דעם (חינוך) בידמ"ק מער ווי אין די טעג שלפנ"ז.

עח. ע"פ המבואר לעיל קומט אויס אז ס׳איז דא די מציאות

– פון –

---

221) ריש הל׳ ביהב"ח. 222) מ"א ח, סה. 223) מו"ק ט, א. פרש"י עה"פ.

פון ביהמ"ק און פון קדושת ביהמ"ק ווי דאס איז מצד עצמו;
און דערנאך איז דא ווי דער אדם ע"י עבודתו פועל'ט אז אין ביהמ"ק זאל זיין מערער קדושה.

וואס עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין בנדו"ד (בנוגע צו דעם חילוק פון דעם רמב"ם אין מו"נ מיט דער רמב"ם אין הלכות בית הבחירה):

ס'איז דא ווי דער ענין פון השראת השכינה במקום המקדש קומט מלמעלה;

דערנאך דורך עבודת האדם פועל'ט מען אז עס זאל זיין נאכמער השראת השכינה אין מקום המקדש (מער ווי עס איז דא מצ"ע) - ווארום וויבאלד אז דער אדם געפינט זיך און איז פארבונדן מיט זמן און מקום, קען ער זיכער פועל'ן ע"י עבודתו אז די שכינה זאל האבן א טיפערן פארבונד מיטן מקום המקדש לגבי ווי דער פארבונד איז מצ"ע.

דער רמב"ם און דער רמב"ן קריגן זיך בנוגע צו דעם אופן פון השראת השכינה במקום המקדש ווי דאס איז מצד עצמו, מצד למעלה:

דער רמב"ן האלט אז אויך ווי די שכינה איז מצ"ע טוט די זיך אן בהתלבשות ממש אין דעם מקום המקדש, ע"ד ווי שכל איז זיך מהלבש במוח שבראש,

און דער רמב"ם האלט אז די שכינה מצ"ע האט קיין שייכות ניט צו דעם מקום המקדש, די טוט זיך דארטן נאר אן בכדי צו צוקומען צו אידן וואס געפינען זיך אין מקום, ע"ד ווי שכל געפינט זיך אין די אצבעות היד;

אבער בנוגע צו ווי השראת השכינה במקום המקדש ווערט אויפגעטאן (נאכמער ווי עס איז דא מצ"ע) ע"י עבודת האדם מלמטה - וועגן דעם רעדן ניט דער רמב"ן און דער רמב"ם (אין מו"נ),

און בנוגע צו דעם האלט אויך דער רמב"ם אז עס קען אויפגעטאן ווערן מער השראת השכינה במקום המקדש, וואס וועגן דעם רעדט ער אין הלכות בית הבחירה.

און דאס (אז דורך עבודת האדם מלמטה ווערט אויפגעטאן נאכמער השראת השכינה במקום המקדש) שטימט אויך אין דעם משל פון דעם צ"צ אין שיטת הרמב"ם - אז השראה השכינה במקום המקדש איז ע"ד ווי שכל טוט זיך אן אין די אצבעות היד בשעת הכתיבה:

ס'איז דא א חילוק ווי די אצבעות היד שרייבן סתם אן אות, אדער ווי זיי שרייבן אן אות מיט הגין וכו'. ועד"ז - ווי זיי מאכן א ציור.

- וואו -



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס בכדי אז די אצבעות היד זאלן קענען מאכן אן אות מיט תגין, אדער מאכן א ציור וכו' - איז ניט מספיק ווי שכל טוט זיך אן בכלל אין די אצבעות היד בשעת הכתיבה, דערצו דארף מען האבן אן ענין פון אימון אין די אצבעות היד*.

עס. דער ביאור אין דעם וואס דער רמב"ם ברענגט (ניט נאר התחלת הכתוב, "ויחל שלמה לבנות את בית ה' בירושלים בהר המורי' גו'", נאר) אויך סיום הכתוב, "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי" - ובהקדם:

עס שטייט אין ילקוט שמעוני[224] "אחזהיו ולא ארפנו[225] זה דוד כשתפס הגורן מיד ארונה היבוסי ומצא גולגלתו של ארונה נתונה תחת המזבח ולא פסל המקום קרבנות ישראל".

ועד"ז שטייט אין ירושלמי[226] אז בימי חזקיהו "גולגולתו של ארנן היבוסי מצאו תחת המזבח".

פרעגט מען אויף דערויף[227]: ווי קען מען זאגן אז ביז ס'איז געקומען חזקיהו האבן אלע דורות לפנ"ז מקריב געווען בטומאה?!

מ'קען ניט ענטפערן אז מ'האט דארטן מקריב געווען קרבנות ציבור, וואס קרבנות ציבור זיינען דאך דוחה את הטומאה -

ווייל: א) אפילו בנוגע צו קרבנות ציבור איז "טומאה דחוי' בציבור" און ניט "הותרה בציבור"[228], ב) מ'האט דאך דארטן אויך מקריב געווען קרבנות יחיד, וואס זיי זיינען דאך ניט דוחה את הטומאה.

ס'איז אויך א דוחק צו ענטפערן אז די אלע דורות וואס מ'האט מקריב געווען בטומאה איז געווען בשוגג.

דער חתם סופר[229] ענטפערט, אז די קברים פון משפחת ארונה זיינען געווען סמוכים צו (דעם גורן וואס דוד האט געקויפט --) דעם מקום המקדש, און ברבות הימים זיינען

- צובראכן -

---

224) עה"פ שה"ש ג, א (רמז תתקפו). 225) ל' הכתוב - שה"ש שם. 226) פסחים פ"ט ה"א. סנהדרין פ"א ה"ב (ד, ריש ע"ב). 227) שו"ת חת"ס יו"ד סש"מ. הובא ב"מעשי למלך" לרמב"ם כאן. 228) פסחים עס, א. פ, סע"א. 229) בשו"ת שלו שם. הובא ב"מעשי למלך" שם.

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת יום ה', ד' מנחם-אב סי"א ואילך. ש"פ דברים, שבת חזון.

צובראכן געווארן די הומות פון די קברים און די גולגולת פון ארונה היבוסי איז נתגלגל געווארן תחת המזבח.

ד.ה. אז ביז דעם זמן פון חזקיהו איז טאקע די גולגולת ניט געווען במקום המזבח, ובמילא איז ניט געווען קיין טומאה; ערשט אין זמן חזקיהו איז אהינצו נתגלגל געווארן די גולגולת, ובמילא איז ערשט דעמולט געווארן דארטן טומאה.

אבער אויף דערויף פרעגן אחרונים[230], אז פון לשון המדרש איז משמע אז די גולגולת איז (ניט נתגלגל געווארן אהינצו שפעטער, נאר זי איז) דארטן מלכתחלה געווען, צוליב ארויס-ברענגען חיבתן של ישראל, אז כאטש וואס מ'האט געפונען "גולגלתו של ארונה נתונה תחת המזבח", אעפ"כ "לא פסל המקום קרבנות ישראל".

און מ'איז מבאר[230], די חיבתן של ישראל אין דעם איז:

מחי ישראל זיינען דאך מטמא באוהל, משא"כ מתי עכו"ם זיינען ניט מטמא באוהל [ווי גערעדט פריער אין פרש"י], און דער טעם לזה איז מצד מעלת ישראל – אז וויבאלד "אתם קרויין אדם" דערפאר זיינען זיי מטמא אויך באוהל,

און בכדי צו ארויסברענגען די מעלה פון אידן האט מען געמאכט אז "גולגלתו של ארונה" זאל זיין "נתונה תחת המזבח", און אעפ"כ "לא פסל המקום קרבנות ישראל", וויבאלד אז גוים זיינען ניט מטמא באוהל,

וואס דאס איז מדגיש חיבתן של ישראל – ווארום אילו יצוייר דאס וואלט געווען א גולגולת פון א איד, פון איינעם וואס איז פון "אתם קרויין אדם" – וואלט דאך דאס מטמא געווען, און מ'וואלט ניט געקענט מקריב זיין קרבנות, וויבאלד אז א איד מצד מעלתו איז מטמא באוהל;

משא"כ אבער בשעת מ'האט געפונען די גולגולת פון א גוי תחת המזבח – איז דאס גארניט, ווארום ער איז ניט מטמא באוהל, במילא איז "לא פסל המקום קרבנות ישראל".

פ. עפ"ז קען מען מסביר זיין פארוואס דער רמב"ם ברענגט אראפ אויך דעם סיום הכתוב, "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי":

ע"ד ווי דער רמב"ם ברענגט די מעלה פון מקום המקדש, אז "במקדש נעקד יצחק אבינו" מיט שאר המעלות וואס ער ברענגט אין דער הלכה שלאח"ז –

– עד"ז –

------------

230) כעשי למלך שם.



הנחת הה' בלתי מוגה

עד"ז איז דער רמב"ם מרמז אויך די מעלה פון דעם מקום, אז דער מקום ברענגט ארוים חיבתן של ישראל - דורך דעם וואס ער ברענגט סיום הכתוב "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי", וואס דערמיט איז ער מרמז אויפן מדרש אז אע"פ וואס מ'האט געפונען "גולגלתו של ארונה נתונה תחת המזבח" אעפ"כ "לא פסל המקום קרבנות ישראל".

בפירוש זאגט עס טאקע ניט דער רמב"ם - ווארום וויבאלד אז דער ענין (אז "מצא גולגלתו של ארונה נתונה תחת המזבח ולא פסל המקום קרבנות ישראל") שטייט אין מדרש - און אין מדרש קענען דאך זיין מדרשות חלוקות - איז קען דאך זיין אז ניט אלע לערנען ווי דער מדרש.

וואס דערפאר איז דאס דער רמב"ם נאר מרמז, דורך דערויף וואס ער ברענגט דעם סיום הכתוב "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי",

און דער רמב"ם פארלאזט זיך אז וויבאלד מ'ווייסט אז דער דרך פון עכו"ם דעמולט איז געווען צו מקבר זיין זייערע מתים קרוב צו ביתם, ווי ס'איז משמע בכמה משנות[231] - וועט מען זיך אליין כאפן פון דעם וואס ער ברענגט "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי", די מעלה וואס דאס ברענגט ארוים, די מעלה פון חיבתן של ישראל, כנ"ל.

פא. נאך א ביאור אין דעם (וואס דער רמב"ם ברענגט אויך סיום הכתוב, אז דער מקום המקדש איז געווען "בגורן ארנן היבוסי") ע"פ קבלה. ובהקדם:

ס'איז דאך ידוע די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[232] וואו ער זאגט (בקבלה רבי מרבי ביז דעם בעש"ט) אז דער רמב"ם איז געווען א גרויסער מקובל כו'.

אין כתבי האריז"ל[233] אבער שטייט אז דער רמב"ם האט ניט געלערנט חכמה האמת (קבלה), משא"כ דער רמב"ן האט דערצו יע געהאט א שייכות, ווארום "הרמב"ם הוא מן פאה השמאלית ולכן לא זכה לידע חכמת הזהר, אבל הרמב"ן ז"ל הוא מן פאה הימנית ולכן זכה אלי' כנודע".

ועד"ז שטייט אין מגדל עוז (בפירושו על הרמב"ם אין ספר יד החזקה[234]) אז ערשט "בסוף ימיו" האט דער רמב"ם געהאט א שייכות מיט לימוד הקבלה.

- ויש -

------------

231) ראה אהלות פי"ח מ"ז. 232) סה"ש ה'ש"ת ע' 41. 233) שער הגלגולים הקדמה לו (קיז, ב). 234) הל' יסוה"ת פ"א ה"י. וראה גם במקומות שנסמנו בסה"ש שם הע' 27*.

ויש להווך צווישן דעם וואס עס שטייט אין דער שיחה מיט דעם וואס עס שטייט אין כתבי האריז"ל (און אין מגדל עוז) – אז בגלוי איז טאקע ניטא אין רמב"ם קיין ענינים פון קבלה; אבער ברמז געפינט מען ענינים פון קבלה אויך אין רמב"ם.

משא"כ אין רמב"ן געפינט מען אויך בגלוי ענינים פון קבלה.

און ווי ס'איז משמע אין חסידות אז דער חילוק צווישן דער רמב"ם מיטן רמב"ן איז – אז דער רמב"ן האט מכריע געווען ענינים בהלכה ע"פ קבלה; משא"כ דער רמב"ם האט נאר ברמז געשריבן ענינים פון קבלה, אבער ער האט ניט מכריע געווען ענינים בהלכה ע"פ קבלה.

פב. עד"ז אין דער הלכה אין הלכות בית הבחירה:

דערמיט וואס דער רמב"ם ברענגט אז דער מקום המקדש איז געווען "בגורן ארנן היבוסי" – איז ער מרמז צו אן ענין אין קבלה. ובהקדם א ביאור פון א בחיי בפרשתנו (פ' מטות):

אויף דעם וואס בני גד און בני ראובן האבן אויסגערעכנט די נעמען בפרטיות פון די (ניין) שטעט וואס זיי האבן געוואלט[235], "עטרות ודיבון ויעזר ונמרה והשבון ואלעלה ושבם ונבו ובעון" – שטעלט זיך דער בחיי אויף דעם, און ער איז דאס מבאר (כדלקמן).

וואס נוסף צו דעם כללות הענין אויף וועלכן דער בחיי שטעלט זיך – זיינען דא כמה פרטים ודיוקים אין דעם וואס זיינען ניט פארשטאנדיק:

בני גד און בני ראובן זיינען דאך געקומען בעטן צו זיך באזעצן מעבר הירדן דערפאר וואס דער ארט איז געווען א "מקום מקנה" פאר זייער "מקנה רב"[236], און זיי איז ניט געווען נוגע די שטעט מעבר הירדן,

און ווי זיי האבן דערנאך אליין געזאגט[237] "הארץ אשר הכה ה' לפני עדת ישראל ארץ מקנה היא ולעבדיך מקנה",

און דערנאך ווייטער אמאל[238] "ויגשו אליו ויאמרו גדרות צאן נבנה למקננו פה וערים לטפנו" – פריער "גדרות צאן . . למקננו", און ערשט דערנאך "ערים לטפנו", דערפאר וואס זיי איז געווען נוגע בעיקר א מקום פאר זייער "מקנה רב"[239] –

– וואס –

---

235) פרשתנו (מטות) לב, ג. 236) שם, א. 237) שם, ד.
238) שם, טז. 239) ראה פרש"י עה"פ.

וואס עפ"ז איז נאכמער ניט פארשטאנדיק פארוואס זיי האבן אויסגערעכנט די נעמען פון די שטעט ב רטיוה, ווען זיי איז געווען נוגע בעיקר דער "מקום מקנה" און ניט די שטעט?

[וואס דרך אגב דארף מען פארשטיין פארוואס רש"י על התורה שטעלט זיך ניט אויף דער שאלה].

מיט נאך כמה דיוקים.

פג. דער בחיי כדרכו שטעלט זיך ניט אויף די דיוקים, עד שטעלט זיך נאר אויף דעם כללות הענין וואס בני גד און בני ראובן האבן דערמאנט די אלע נעמען פון די שטעט בפרטיות.

און עד איז מבאר, אז די גוים וואס האבן געוואוינט אין די שטעט האבן זיי געגעבן נעמען על שם נעמען פון ע"ז,

ע"פ קבלה אבער, זיינען די נייען שטעט בפנימיות כנגד די ט׳ ספירות קדושות,

און ער איז מבאר בפרטיות ווי יעדער נאמען פון די שטעט איז כנגד איינע פון די ט׳ ספירות:

"עטרות" איז מלשון "עטרת" - ספירת המלכות; "דיבון - הוא הנהר היוצא מעדן שאינו פוסק כו׳" - ספירת היסוד, ועד"ז שאר השמות פון די שטעט זיינען כנגד די אנדערע ספירות, ביז אז "נבו - זה הבינה", און "בעון זה החכמה, והפך אותיותיו נובע . . מלשון מקור נובע", וואס דאס איז דער ענין פון ספירת החכמה, און אויך אז "בעון" איז מלשון "מעון, מעונה, שהוא רמז על החכמה".

און די טענה פון בני גד און בני ראובן איז געווען, אז דורך דעם וואס מ׳וועט זיי אפגעבן די שטעט, וועלן זיי מהפך זיין די שטעט פון ע"ז צו קדושה,

און ווי עס שטייט ווייטער אין פרשה [240] "ואת נבו ואת בעל מעון מוסבות שם", ווארום "בני ראובן הסבו את שמם לשמות אחרים"[241];

אויב אבער מ׳וועט זיי ניט געבן די שטעט, וועלן די גוים צוריקקומען דארטן און נאכאמאל דארטן עובד זיין ע"ז, אזוי ווי ס׳איז געווען פריער, פאר דעם וואס מ׳האט זיי פון דארטן אוועקגעטריבן.

פד. עד"ז י"ל אז דערמיט וואס דער רמב"ם ברענגט אז דער מקום המקדש איז געווען "בגורן ארנן היבוסי", איז ער מרמז

- אז -

---

240) שם, לח. 241) פרש"י עה"פ.

אז דורך בנין ביהמ"ק אין דעם מקום האט מען אויפגעטאן דעם ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא:

מ'האט גענומען אן ארט וואס איז געווען "גורן ארנן היבוסי", וואס ער איז געווען איינער פון די ז' אומות, "יבוסי", ובפרט אז ער איז נאך געווען א שר פון יבוס[242],

און אין דעם ארט האט מען אויפגעבויט דעם ביהמ"ק, און דעם מזבח, וואס אויף דעם מזבח האט מען מקריב געווען קרבנות וואס פון זיי איז געווארן "ריח ניחוח להו'"[243], און דער מזבח האט מכפר געווען אויף כל עוונות ישראל,

וואס דאס איז דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא.

וי"ל אז צו דעם איז דער רמב"ם מרמז מיט ברענגען אז דער מקום המקדש איז געווען "בגורן ארנן היבוסי", וואס כאמור לעיל אז ברמז זיינען דא כו"כ ענינים פון קבלה אין רמב"ם.

פה. דער ביאור אין דעם פארוואס רש"י ברענגט ניט קיין ראי' אויף דעם וואס ער זאגט אז "העומד כנגד ישראל כאילו עומד כנגד הקב"ה", ווי ער ברענגט א ראי' אין פ' בהעלותך אויף דעם וואס ער זאגט דארטן אז "כל השונא את ישראל שונא את מי שאמר והי' העולם":

אין פ' בהעלותך ווייסט מען ניט פון זיך אליין אז "משנאיך" מיינט די שונאי ישראל, ווארום אין פסוק שטייט ניט בפירוש אז "משנאיך" מיינט שונאי ישראל, איז אויף דערויף דארף מען האבן א ראי', און דערפאר ברענגט דארטן רש"י א ראי' פון א פסוק;

בפרשתנו אבער שטייט בפירוש אז די מדינים האבן זיך אוועקגעשטעלט קעגן די אידן, וואס דערפאר דארף זיין "נקום נקמת בני ישראל מאת המדינים",

און וויבאלד אז פריער שטייט איין מאל "נקום נקמת בני ישראל" און דערנאך שטייט (אויף דעם זעלבן ענין) "להת נקמת הו'", פארשטייט מען פון זיך אליין אז זיי זיינען דער זעלבער ענין -

דערפאר דארף רש"י נאר קומען און זאגן א הסברה פארוואס עס שטייט איין מאל "נקום נקמת בני ישראל" און א צווייטן מאל "להת נקמת הו'".

וואס דא זעט מען דעם הפלאה הדיוק פון לא חסר ולא יתיר -

---

242) פרש"י עה"ת ב כד, טז. 243) ויקרא א, ט. ועוד.



הנחה הת' בלתי מוגה

יהיר אין פרש"י - אז דארטן וואו רש"י דארף ניט ברענגען קיין ראי׳ צו א זאך וכיו"ב ברענגט ער עס ניט.

פו. דער ביאור ווי די צוויי ענינים, "נקום נקמה בני ישראל" און "להת נקמת ה׳", זיינען דא בעבודת האדם (ע"פ ווי ער איז דאס מבאר אין דער הערה אויפן זהר):

אין יעדער איד איז דא דער אויבערשטער, און ס׳איז דא דער איד (אין דעם איד):

דער אויבערשטער וואס איז דא אין דעם איד איז דאס יחידה שבנפשו, "יחידה ליחדך"[244], דער ניצוץ נברא וואס איז איין זאך מיט דעם ניצוץ בורא, ווי דער רבי נ"ע[245] איז מבאר פון עץ חיים[246].

דערנאך איז פאראן חי׳ שבנשמה, וואס דאס איז די דרגא פון משה[247] וואס איז דא אין דעם אידן, און דאס איז ממשיך אין נר"נ שלו,

וואס דאס איז דער ענין פון "וידבר משה אל העם" - אז משה, חי׳ שבנשמה, איז ממשיך אין די כחות האדם, נר"נ.

וואס דערמיט איז אויך פארשטאנדיק ווי די צוויי ענינים, "נקום נקמת בני ישראל" און "להת נקמת ה׳" זיינען דא אין יעדער אידן:

יחידה שבנשמה (דער ניצוץ בורא) פון יעדער אידן זאגט "נקום נקמה בני ישראל", און נר"נ הי׳ שבנשמה (דער משה רבינו וואס איז משפיע אויף אלע כחות) פון יעדער אידן זאגט "להת נקמת ה׳":

מצד נר"נ חי׳ שבנשמה איז דא דער ענין פון העלאה מלמטלמ"ע, ובמילא זאגט מען "להת נקמת ה׳", מ׳איז "מדקדק על כבודו של הקב"ה יותר מכבודן של ישראל";

מצד יחידה שבנשמה, דער ניצוץ בורא שבו - איז דאך "השמים ושמי השמים לא יכלכלוך"[248] - איז וואס זוכט די דרגא - די דרגא זוכט דעם ענין פון דירה בתחתונים וואס ווערט אויפגעטאן דורך אידן, וואס דוקא זיי זיינען אים משלים, וואס דאס איז דער ענין פון המשכה מלמעלמ"ט,

ובמילא זאגט ער "נקום נקמת בני ישראל", "כי הקב"ה חפץ ומדקדק על כבודן של ישראל יותר מכבודו".

- ויש -

---

244) פיוט הושענות ליום ג. וראה סה"מ ה׳ש"ה ע׳ מא. הש"א ע׳ 150. ובכ"מ. 245) המשך תער"ב ח"ג ע׳ א׳תו ואילך. סה"מ תרע"ח ע׳ ריג ואילך. 246) שמ"א (שער דרושי אבי"ע) פ"א. 247) לקו"ת צו ח, ג. 248) מ"א ח, כז.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

ויש להאריך בכל זה - אבער דער עיקר וואס איז נוגע איז דער מעשה בפועל.

פז. וואס דער מעשה בפועל איז:

דעם שבת האט מען דאך געלייענט (אויך) פ׳ מסעי, און דערפון גייט מען צו פ׳ אלה הדברים אשר דבר משה, וואס דאס איז דאך כולל אין זיך אלץ, "עד הים האחרון - עד היום האחרון"[249], ד.ה. אז דאס איז כולל אין זיך גאנץ סדר ההשתלשלות,

ועאכו"כ אז דאס איז כולל אין זיך דעם ענין פון משיח צדקנו, וואס "גואל ראשון ("אלה הדברים אשר דבר משה") הוא גואל אחרון"[250].

וואס ביאת משיח צדקנו קומט דורך דערויף וואס מ׳גייט-דורך די אלע מסעות ("אלה מסעי"), וואס דאס איז מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות, און מ׳גייט עס דורך בהצלחה, און מ׳וועט אויך האבן הצלחה אין דורכגיין די מסעות וואס וועלן זיין.

ד.ה. אז מ׳טוט אין די אלע מבצעים, "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה", און "מיהו יהודי",

און "והשיב לב אבות על בנים"[251], וואס "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו׳ להשבית אויב ומתנקם" -

דאס איז מבטל יעדער "אויב ומתנקם" פון דעם גלות הפנימי, און יעדער "אויב ומתנקם" פון דעם גלות כפשוטו.

ובפרט דורך דערויף וואס מ׳וועט זיי (די קינדער) צוזאמענקלייבן דריי מאל אדער עכ"פ - צוויי מאל, אין די נייך טעג, וואס הויבן זיך אן אין דער קומענדיקער וואך.

פח. וואס די צוזאמענקלייבן פון די קינדער אין די קומענדיקע טעג האט אויך א שייכות מיט דער גאולה העתידה - ווארום די קומענדיקע טעג אין דער קומענדיקער וואך זיינען אלעמאל פארבונדן מיט פ׳ דברים, וואס דאס איז אלעמאל פארבונדן מיט שבת חזון, וואס "חזון" איז מלשון מחזה, אז

- דעמולט -

------------

249) ברכה לד, ב. ספרי ופרש"י עה"פ. 250) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זהר"א דנג, א. שה"ש פ׳ ויהי. הו"א ר"פ משפטים (עה, ב). 251) מלאכי ג, כד. וראה פרש"י שם.

דעמולט באוויייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד", בידוע די הורה בזה, וואס איז שוין אויך געדרוקט[252].

און די גאולה העתידה איז אויך ברומז אין פ׳ דברים, וואס "דברים" איז כולל אין זיך אלע "דברים אשר דבר משה" (כנ"ל), גואל ראשון,

ביז אז מ׳קומט צו דעם גואל אחרון, וואס ילמד תורה את כל העם כולו, כולל אויך משה רבינו[253].

לאידך גיסא אבער, איז ע"ד ווי מ׳זאגט בנוגע צו ר׳ עקיבא[254], אז אע"פ וואס משה האט געדארפט אנקומען צו אים אין אן ענין פון תורה, האט אבער ר׳ עקיבא געזאגט אז דאס איז "הלכה למשה מסיני" -

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו משיח צדקנו און משה רבינו.

און עד"ז לערנט מען שוין תורה איצטער, און די תורה האט אין זיך די אלע דריי ענינים - דער ענין פון ירושה שבתורה, דער ענין פון קנין שבתורה, און דער ענין פון מתנה שבתורה.

ביז אז מ׳קומט צו דער מתנה השלימה - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס אויך דעמולט איז "משה ואהרן יהא עמנו"[255], און משיח ילמד תורה את כל העם כולו, כנ"ל,

במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

—— * ——

---

252) ברשימות הצ"צ לאיכה בסופן בהערה (אוה"ת נ"ך כרך ב ע׳ א׳צז). וראה לקו"ש ח"ט ע׳ 24 ואילך. 253) לקו"ה צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 254) מנחות כט, ב. 255) תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב. וראה גם יומא ה, ב.

## שיחת אור לר"ח מנחם־אב ה'תש"מ
### — בבית הכנסת, אחרי תפלת ערבית —

**א. משנכנס אב ממעטין כו'[1] — היפך הנהגה הרגילה**

ווארום דער סדר הרגיל בא אידן איז — "עבדו את ה' בשמחה"[2], און ווי־באלד אז עבודת ה' דארף זיין בשלימות, דארף אויך די שמחה זיין במילואה ובשלימותה. איז בשעת עס קומט א צייט וואס "ממעטין בשמחה", איז דאך דאס היפך הנהגה הרגילה.

איז, ע"פ הידוע אז ירידה איז צורך עלי'[3], פארשטאנדיק בפשטות, אז די הנהגה הנ"ל ("ממעטין בשמחה"), וואס איז א ירידה גדולה ביותר (וויבאלד זי איז היפך הנהגה התמידית), איז עס בכדי אז פון דעם זאל ארויסקומען אן עלי' גדולה ביותר.

**ב.** כשם ווי די ירידה דכללות ענין הגלות, איז דאך ידוע[4] אז דער "ירוד ירדנו"[5] איז געווען צוליב "ואנכי אעלך גם עלה"[6] — צוליב דעם "אעלך" וואס איז געווען ביציאת מצרים, און דעם "גם עלה" וואס וועט זיין אין דער גאולה העתידה[4]

— און אפילו אויב מען איז אין א מצב פון "לא זכו" ח"ו, און מען דארף אנקו־מען צו "בעתה"[7] — איז דאך די גמרא[8] מודיע אז ס'איז שוין "כלו כל הקיצין", ובמילא איז דאך זיכער אז ס'איז שוין נאך דעם "בעתה",

און וויבאלד אז לכל הדעות איז שוין נאך דעם זמן וואס "הגיע הקץ" — וועט דאך זיכער דער אויבערשטער ניט פאר־האלטן אפילו כהרף עין (ווי עס שטייט בנוגע צו דער גאולה פון יציאת מצרים[9], וואס דערפון איז פארשטאנ־דיק אויך בנוגע צו דער גאולה העתי־דה, וואס וועט זיין כימי צאתך מארץ מצרים[10]) —

עד"ז איז אויך בנוגע צו דער ירידה פון "משנכנס אב ממעטין בשמחה" (וואס זי איז א תוצאה פון דער ירידה דגלות) — אז דאס איז צוליב דער עלי' וואס וועט זיין לע"ל, וואס דעמולט וועט דער חודש נהפך ווערן לשמחה.

**ג.** ענין הנ"ל איז מודגש נאך קלערער, און אין בולט'ע ווערטער, אין ילקוט שמעוני אויף ספר ירמי'[11] (וואס רעדט וועגן "חורבנא"[12]), און אין ספר ירמי' גופא — גלייך בראשו ותחלתו[13], אויף די ווערטער "בחודש החמישי" (דער חודש אין וועלכן "ממעטין בשמחה"):

אז דאס וואס "עלה ארי' ["זה נבוכדנאצר"] במזל ארי' ["בחודש החמי־שי"] והחריב אריאל" [וואס "אריאל"

---

1) תענית כו, ב במשנה.

2) תהלים ק, ב. וראה רמב"ם סוף הל' לולב.

3) בנשב"ת, בעולם וכו' (לקו"ת במסומן במפתחות. ועוד).

4) תו"א ר"פ שמות.

5) ל' הכתוב — מקץ מג, כ.

6) ל' הכתוב — ויגש מו, ד.

7) ישעי' ס, כב. סנהדרין

8) שם צז, ב.

9) מכילתא עה"פ בא יב, מא. שם, מב. הובא בפרש"י עה"פ שם, מא.

10) מיכה ז, טו.

11) רמז רנט. וראה רשימות הצ"צ לאיכה — אוה"ת נ"ך כרך ב ע' אתנו ואילך.

12) ב"ב יח, ב.

13) א, ג.

גייט אויף ירושלים, בית המקדש בכלל, אדער אויפן מזבח שבביהמ"ק[14], איז דאס געווען „על מנת (בכדי) שיבוא ארי' [„זה הקב"ה דכתיב בי'[15] ארי' שאג מי לא יירא"] במזל ארי' ויבנה אריאל", און ער איז מפרש אז „יבוא ארי' במזל ארי' (ווען אויפטאן) והפכתי אבלם לששון"[16].

דער „עלה ארי' במזל ארי' והחריב אריאל", איז דאס „על מנת"; ומזה — אז דאס וואס ס'איז געווארן דער סדר פון „משנכנס אב ממעטין בשמחה", איז דאס מלכתחלה על מנת — בכדי עס זאל זיין „והפכתי אבלם לששון".

ד. בא יעדער ענין וואס מען גיט מלמעלה דארף מען מאכן כלים וואס זיינען צוגעפאסט צו דעם ענין.

און וויבאלד אז די כלים זיינען ענינים פון תורה און מצוות — זיינען זיי ניט נאר כלים צו מקבל זיין דעם ענין הנמשך, נאר זיי זיינען אויך ממשיך[17] און ממהר די המשכה פון דעם ענין הנמשך.

ובנוגע לעניננו: מאכן כלים וואס זאלן ממשיך זיין און ממהר זיין נאך מערער, אז דער במהרה בימינו פון „יבוא ארי' במזל ארי' ויבנה אריאל" זאל זיין וואס שנעלער.

ה. די כלים המתאימים צו דעם, איז — ווי מען זאגט אין דעם סיום ההפטורה פון שבת חזון[18]

[וואס התחלתו איז (ווי די התחלה פון יעדער שבת) פון יום הראשון בשבת*[19]. וואס איצטער, אור ליום שני, איז דער סיום וחותם פון יום ראשון]

„ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה". און ווי דער אלטער רבי איז מפרש[20]: במשפט היינו הלכות, און בצדקה — צדקה כפשוטה.

[ואע"פ אז „בצדקה" מיינט (אויך) „כללות המצוות שנקראו צדקה"[21] — איז בעיקר — אין מקרא יוצא מידי פשוטו — צדקה כפשוטה.

וי"ל — ע"ד ווי „במשפט" איז תורה בכלל[22], פונדעסטוועגן איז דא נוגע בעיקר דער חלק ההלכות[23] פון תורה].

און בכדי אז די ענינים („במשפט" און „בצדקה") זאלן געטאן ווערן כדבעי, און זיי זאלן עולה זיין למעלה כדבעי — דארף מען דאס פארבינדן מיטן דריטן קו, עבודת התפלה[24],

14) ראה ישעי' כס בתחלתו. יחזקאל מג, טו־טז. ובמפרשים שם.

15) עמוס ג, ח.

16) ירמי' לא, יג.

17) ראה תו"א צז, ב. קיד, ב. לקו"ת ראה כב, סע"ד. ובכ"מ.

18) ישעי' א, כז.

19) ראה רמב"ן עה"פ יתרו (כ, ח): וישראל מונים כל הימים לשם שבת אחד' בשבת שני בשבת כו', עיי"ש.

20) לקו"ת ריש פרשתנו (א, סע"ב ואילך) — ע"פ ת"א עה"פ וישב מ, יג.

21) לקו"ת שם, ד.

22) כמובן גם על אתר באוה"ת דברים (ד"ה ציון במשפט) ע' לו ואילך. וגם בלקו"ת שמפרש שמשפט קאי על הלכות התורה — מבאר שם (ריש ע"ב) הטעם על זה, „כי התורה אור".

23) וכהמשך באוה"ת להצ"צ דברים (כרך ה' בתחלתו): כהלכתא קדמייתא וארז"ל משחרב ביהמ"ק אין לו להקב"ה אלא ד"א של הלכה.

24) נוסף על מה שלענין הגאולה נוגע כל הג' קוין — כולל קו העבודה (תפלה) מצד עצמו — ראה ברכות ח, א. אוה"ת לתהלים עה"פ פדה בשלום נפשי. וראה גם לקמן ס"ג.

*) וצע"ק ששינה מלשון המשנה סוף תמיד ביום הראשון היו אומרים. ולהעיר דבנט וכיו"ב כותבים באחד בשבת (שו"ע אה"ע סקכ"ו ס"ג).

וואָס נוסף אויף דעם וואָס תפלה איז דער „סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה״[25], וואָס דורך אים זיינען עולה אַלע עבודות האדם (תורה און צדקה) למעלה,

איז דורך תפלה בעט מען און מען פועל׳ט, אַז עס זאָל נמשך ווערן די סייעתא דשמיא און ברכתו של הקב״ה אַז דער „במשפט״ און „בצדקה״ זאָלן זיין בהצלחה בכל הפרטים (סיי בנוגע דעם עסק התורה והצדקה גופא, סיי בנוגע זייער עלי׳ למעלה, און אויך בנוגע צו זייער המשכה און פעולה (דערנאָך) דאָ למטה).

ו. ובנוגע לפועל — אַז בכל יום ויום פון די נייען טעג זאָל יעדער איינער מוסיף זיין אין די אַלע דריי קוין: תורה, עבודה און גמ״ח:

אין תורה: צו מוסיף זיין בכל יום דימים אלו אויף די שיעורים הקבועים, ובעיקר — אין לימוד הלכות[26].

אויך אין לימוד ספר הזהר, וואָס אויף דעם האָט געזאָגט משה רבינו רעיא מהימנא[27] „בהאי חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר כו׳ יפקון בי׳ מן גלותא ברחמים״.

ומה טוב — בכדי אַז דאָס זאָל זיין אין אַן אופן פון „יתפרנסון״[28] — צו לערנען אויך אַ ביאור אויף דעם ענין וואָס מען וועט לערנען אין ספר הזהר (אָדער — אַן ענין בפני עצמו) אין תורת החסידות, וואָס ברענגט די רזי תורה שו׳ ספר הזהר אין הבנה והשגה.

[ומובן בפשטות, אַז אין דעם טאָג פון תשעה באב[29] — זאָל די הוספה אין לימוד התורה זיין אין די ענינים וואָס מען מעג לערנען בת״ב, וואָס אין דעם איז דאָ אויך הלכות („במשפט״), ווי הלכות ת״ב וכיו״ב].

אין תפלה: צו מוסיף זיין בכל יום דימים אלו אין עבודת התפלה באיכות [וואָס דאָס, די הוספה באיכות, קען מען טאָן אויך אין דעם טאָג פון תשעה באב גופא],

און אויך בכמות — מוסיף זיין בכל יום אין אמירת תהלים[30], עכ״פ אַ מזמור אחד.

וואָס דאָס האָט אויך אַ שייכות מיוחדת לענינננו, וואָרום „דוד מלך ישראל״ — נעים זמירות ישראל[31] — איז „חי וקיים״[32] אויך איצטער און אַלס „מלך ישראל״,

ביז אַז „יעמוד מלך מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצות כדוד אביו״ און ילחם מלחמות ה׳ וינצח ויבנה מקדש במקומו ויקבץ נדחי ישראל[33].

אין צדקה: נוסף צו די נתינת הצדקה קודם התפלה וואָס עס דאַרף זיין בכל ימי השנה, ווי עס שטייט אין גמרא[34] און ברענגט זיך אויך אין שו״ע[35] להלכה — זאָל מען בכל יום דימים אלו מוסיף זיין אין דעם.

---

25) ויצא כח, יב. זח״א רסו, ב. ח״ג שו, ב. תקו״ז ת״מ מה.

26) כולל, כמובן, הלכות בית הבחירה. וראה בארוכה לקו״ש חי״ח ע׳ 411 ואילך.

27) זח״ג קכד, ב. נתבאר באגה״ק סכ״ו.

28) לשון התקו״ז (ת״ו בסופו). וראה הקדמת מק״מ לזהר. כס״מ להקו״ז שם.

29) בנוגע עת״ב אחר חצות — ראה נ״כ שו״ע או״ח סו״ס תקנג.

30) וכמה מזמורים בתהלים המדברים בחורבן.

31) ש״ב כג, א. וראה שהש״ר פ״ד, ד (בתחלתו). — שאמר ה„זמירות (בשם כל) ישראל״.

32) ר״ה כה, א.

33) רמב״ם הל׳ מלכים ספי״א.

34) ב״ב י, א.

35) או״ח סו״ס צב.

ומה טוב, אז די הוספה אין נתינת הצדקה זאל זיין פעמיים בכל יום: לפני תפלת שחרית, און אויך לפני תפלת מנחה.

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת לעניננו[36]. ווארום „אליהו לא נענה אלא בתפלת המנחה"[37], און אליהו איז דאך דער וואס וועט בקרוב ממש אנזאגן די בשורת הגאולה.

ז. בנוגע צו יום השבת, וויבאלד אז די נתינת הצדקה בשבת דארף זיין אין אן אופן שונה (נתינת מאכל לעני וכיו"ב), וואס דאס איז ניט אזוי לייכט צו אויספירן[38] — זאל מען ביום הששי געבן „משנה", סיי פאר יום הששי סיי פאר יום השבת.

ז. מובן בפשטות אז כל הנ"ל איז שייך אויך צו נשי ובנות ישראל.

בנוגע צו תורה — איז דאך דער פס"ד ברור אין הלכות תלמוד תורה, ובארוכה אין הלכות תלמוד תורה פון דעם אלטן רבי'ן בחותם פרק ראשון[39], אז נשים דארפן לערנען די „הלכות הצריכות להן".

בנוגע צו תפלה — זאגט דאך די גמרא[40] אז „נשי בעי חיי", און זיי דארפן „רחמי"[41], תפלה.

און בנוגע צו צדקה — איז דאך אדרבה, די צדקה וואס פרויען גיבן, טוט זייף נאך ביתר שאת. וויבאלד אז די צדקה וואס זיי גיבן איז „מקרבה הנייתי"[42], זי טוט אויף פריער דא למטה — דעריבער טוט עס אויף פריער אויך למעלה, ווארום „במדה שאדם מודד בה מודדין לו"[43].

ח. ומובן בפשטות, אז מצד אהבת ישראל[44]

— וואס אהבת ישראל פארבינדט אלע אידן צוזאמען, און (במילא) פארשטארקט אויך דעם פארבונד צווישן אידן מיטן אויבערשטן,

וכידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[45], אז „ואהבת לרעך כמוך"[46] און „ואהבת את ה' אלקיך"[47] זיינען כולא חד —

וועט יעדער איינער און איינע זיך משתדל זיין בכל המיני השתדלות צו מזכה זיין בענין הנ"ל אויך זיינע (אירע) באקאנטע, ביז — בכל מקום שידו (שידה) מגעת.

און אויך דאס (דער ענין פון אהבת ישראל) איז פארבונדן באופן ישיר מיט „והפכתי אבלם לששון" — ווארום בשעת אז עס קומט צו א הוספה אין „כולנו כאחד" ווערט נתוסף אין „ברכנו אבינו"[48]

---

36) אף דבכלל עיקר נתינת הצדקה היא בבוקר (ראה סי' האריז"ל בויברך דוד. ועוד).

37) ברכות ו, ב.

38) ראה לקו"ש חי"ג ע' 282 הע' 19-18 ובשוה"ג שם.

39) כל מ"ע שאין הזמ"ג וכל מל"ת של תורה ושל דברי סופרים כו', עיי"ש. וראה שו"ע אר"ח סר"ס מז.

40) קדושין לד, א.

41) ברכות כ, ב. טושו"ע אר"ח סק"ו.

42) תענית כג, ב. וראה גם כתובות סז, ב. וגם בנתינת ממון לצדקה — הרי במדינה זו רגיל החילוק, שהגברים נותנים (במשרדם) המחאה (טשעק) שחסר גוביינא בבנק, והנשים — (בביתם) מזומן.

43) סוטה ח, ב במשנה.

44) דמוכרחת ביתר שאת וביתר עז בימים אלו דוהפכתי אבלם לששון — היפך השנאת חנם שגרם חורבן זה (יומא ט, ב).

45) ספר השיחות ה'ש"ת ע' 3. וראה קונטרס אהבת ישראל.

46) קדושים יט, יח.

47) ואתחנן ו, ה.

48) תניא פל"ב.

ובפרט אין דער ברכה „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״ וואס יעדער איד און אלע אידן זיינען מתפלל בכל יום, און אויך אין דער ברכה „בונה ירושלים״ וואס מען איז מתפלל בכל יום דימי החול[49]*.

• • •

ט. נאך אן ענין עיקרי בכל הנ״ל:

עס שטייט אין מדרש[50], אז אין ירושלים זיינען געווען ת״פ — פיר הונדערט און אכציג — בתי כנסיות, און אין יעדער בית הכנסת איז געווען א „בית ספר״ און א „בית תלמוד״ וואו מען האט געלערנט מיט קינדער.

איז מבאר כ״ק אדמו״ר הצ״צ[51] דעם מספר פון ת״פ: אז אין שם הוי׳ [ווי־באלד אז צוויי אותיות זיינען גלייכע — ה] זיינען פאראן י״ב צירופים,

און אין יעדער צירוף זיינען דא פיר אותיות — זיינען אין אלע צירופים צו־זאמען דא מ״ח אותיות. און „כל בחינה כלולה מיו״ד״ — איז עס ת״פ.

וואס דער אפטייטש דערפון אין איינ־פאכע אותיות איז — דער לימוד התורה מיט די קינדער אין ירושלים[52] איז געווען אין אזא אופן, אז עס האט זיי פארבונדן מיט שם הוי׳, וואס איז נאך העכער פון שם אלקים בגימטריא הטבע[53], ביז אז ער (שם הוי׳) איז דער שם המפורש, שם המיוחד[54], און שם העצם[55].

י. דערפון איז פארשטאנדיק, אז משנכנס אב און מען דארף ממשיך זיין דעם „יבוא אר״י במזל אר״י ויבנה אריאל״ — וואס „ויבנה אריאל״ איז (כולל אויך) בנין ירושלים, ווי ער זאגט אין ילקוט „ויבנה אריאל — בונה ירושלים ה׳[56]״ —

דארף מען עס פארבינדן מיט דעם ענין פון ת״פ בתי כנסיות וואס זיינען געווען אין ירושלים,

און בפרט אז עתידה ירושלים שתת־פשט בכל ארץ ישראל ועתידה ארץ ישראל שתתפשט בכל הארצות[57], איז בכל מקום ומקום וואו עס געפינען זיך אידישע קינדער און לערנען תורה — דארף עס זיין בדוגמת די ת״פ בתי כנסיות וואס זיינען געווען אין ירושלים.

יא. דערפון איז מובן בפשטות, אז די הוספה וואס עס דארף זיין בימים אלו אין די ג׳ קוין תורה תפלה און צדקה — דארף מען לייגן די גרעסטע השתדלות, אז אין דעם זאלן זיך משתתף זיין אויך יעדער און אלע אידישע קינדער וואס זיינען פאר בר־מצוה און פאר בת־מצוה[58].

---

49) ואולי יש לומר, דבקשת „בונה ירושלים״ בתפלת העמידה אומרים רק בחול — כי בשבת בנין אסור. משא״כ „ותחזינה כו׳ המחזיר שכינתו לציון״ שקאי על ביהמ״ק — אומרים גם בשבת, מכיון שהוא כבר „בנוי ומשוכלל יגלה ויבוא משמים״ (פרש״י ותוספות סוכה מא, סע״א. ובכ״מ).

50) איכ״ר פ״ב, ד. וראה גם שם פתיחתא יב.

51) ברשימותיו לאיכה — אוה״ת נ״ך שם ס״ע א״עה.

*) שהרי המחזיר שכינתו לציון הוא ע״ש הכתוב ושכנתי בתוכם (אבודרהם). דקאי על המקדש (מקדש). וכן מוכח גם מזה שזהו חתימת ברכת העבודה „והשב העבודה לדביר ביתך״.

52) תיבות יראה שלם — שלימות היראה (לקו״ת ר״ה ס, ב. ושו״ן).

53) פרדס ש״ב פ״ב. שעהיוה״א רפ״ו.

54) סוטה לח, א. ועוד.

55) כ״מ הל׳ עכו״ם פ״ה ה״ז. ועוד.

56) תהלים קמז, ב.

57) יל״ש ישעי׳ רמז תקג.

58) נוסף על מה שבלימוד התו״ה (ועד״ז

וועאכו״כ, אין די ערטער וואו עס געפינען זיך א סך קינדער צוזאמען (ווי אין מחנות קיץ און אין מחנות קיץ יומיים), וואס דארט קומט נאך צו די מעלה פון זכות הרבים

און — וג״ז עיקר — די התלהבות — ובפרט בא קינדער — ווען זיי טוען א זאך כו״כ ביחד.

אז מען זאל צוזאמענקלייבן אלע קינדער צוזאמען צו טאן אין די אלע דריי ענינים הנ״ל. און דאס וועט מוסיף זיין אין ברכת ה׳ בכל המצטרך בכלל אין די מחנות,

נוסף אויף דער ברכה העיקרית — אראפברענגען די גאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש.

וכמובן, אז די קינדער דארפן באאיינ־פלוסן אויף די קינדער (די אינגעלעך — זייערע חברים, און די מיידעלעך — זייערע חבר׳טעס) וואס געפינען זיך אין אנדערע ערטער, אז אויך זיי זאלן טאן בכל יום דימים אלו אין די אלע דריי ענינים הנ״ל.

יב. נוסף לזה אין ארץ ישראל — זאל מען מאכן א כינוס פון קינדער, סיי פון אינגעלעך סיי פון מיידעלעך (כמובן — באזונדער), בא דעם כותל מערבי, און אויך אין מערת המכפלה וואו עס ליגן אברהם יצחק ויעקב שרה רבקה ולאה, און אויך אין קבר רחל — די פערטע פון די אמהות, וואס איז משלים די ד׳ רגלי המרכבה[59].

ונכון במאד, אז די כינוסים במקומות

אלה זאלן זיין עכ״פ שתי פעמים (במשך די נייען טעג), ומה טוב — שלש פעמים.

• • •

יג. כל האמור לעיל — סיי בנוגע צו מוסיף זיין אליין אין די ג׳ קוין בימים אלה, סיי בנוגע צו פועל׳ן עס אויף נאך אידן — איז נוגע און שייך צו יעדער אידן, פון ראשיכם שבטיכם ביז חוטב עציך און שואב מימיך[60] [וואס צווישן איז מען מפרט „טפכם (ילדים און ילדות) נשיכם״].

ויהי רצון, אז די הוספה אין די ג׳ קוין הנ״ל [וואס יעדער איינער און איינע וועט טאן אין דעם] זאל פועל זיין פעולתה — צו אראפברענגען די גאולה שלימה — בקרוב ממש,

ובפרט נאך אז ס׳איז שוין „כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה״[61], און די אלע דריי ענינים הנ״ל (תורה, תפלה און צדקה) זיינען פארבונדן מיט תשובה

— תורה און תפלה זיינען דאך פארבונדן מיט תשובה (ובפרט תשובה עילאה[61]), און אויך צדקה איז פארבונדן מיט תשובה — השבת הניצוצות למקו־רם ושרשם, ווארום השבת הניצוצות שבנפשו הבהמית וחלקו בעולם טוט זיך אויף בעיקר דורך צדקה[62].

נוסף צו דעם וואס צדקה איז פאר־בונדן אויך מיט תשובה כפשוטה, כמ״ש[63] „וחטאך בצדקה פרוק״.

און הגם אז „ועמך כולם צדיקים״[64]

---

בתפלה וצדקה) שלהם יש המעלה דהבל שאין בו חטא (שבת קיט, ב).

59) מאורי אור א, פד. ועוד. וראה ב״ש לשו״ע אה״ע סקכ״ז סק״ב.

60) ר״פ נצבים.

61) אגה״ת ספ״ט ורפ״י. אגה״ק ס״ח (קיג, רע״א) — בנוגע תפלה.

62) תניא פל״ז (מח, ב ואילך).

63) דניאל ד, כד. וראה אגה״ת פ״ג (צב, ב).

64) ישעי׳ ס, כא.

און כל ישראל בחזקת כשרות[65] — איז דאך אבער פאראן[66] דער חטא מלשון חסרון[67], און אויך בנוגע צו דעם ענין אין חטא איז „וחטאך בצדקה פרוק“, אז דורך צדקה ווערט אראפגענומען דער חסרון און מען קומט צו צו שלימות, ביז צו תכלית השלימות —

איז דאך זיכער, אז די הוספה אין די ג' קוין הנ"ל וואס ענינם איז תשובה, וועט צוהיילן נאך מער די גאולה.

יד. ובתור הקדמה צו דעם — איז דער ענין וואס עס שטייט אין דעם סיום וחותם פון דעם שיעור חומש פון ר"ח מנחם־אב (בשנה זו)[68]: „ראה נתן ה' אלקיך לפניך את הארץ עלה רש גו' אל תירא ואל תחת“ — אז אידן דארפן מחליט זיין בתוקף אז עס דארף זיין „עלה רש“,

און וויבאלד אז „נתן ה' אלקיך לפניך את הארץ“, אתן אין כתיב — (ווייל) כבר נתן[69], דער אויבערשטער האט עס שוין אפגעגעבן צו אידן — איז „אל תירא ואל תחת“, ס'איז ניטא וואס צו מורא האבן אז מען וועט עס ניט קענען דורכ־פירן ח"ו. עס דארף נאר זיין דער „עלה רש“. און דאן איז מען זיכער אז עס וועלן בטל ווערן די אלע און אלעס וואס שטערן וכו', און דאס וועט זיין בדרכי נועם ובדרכי שלום.

דורך דעם וואס מען וועט טאן און מוסיף זיין אין די ג' ענינים הנ"ל, האט מען די הבטחה[70] „אם בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם“, וואס דאס גייט אויף לימוד התורה[71] און קיום המצוות, וואס צדקה איז כללות כל המצוות,

כולל תפלה, וואס דורך איר זיינען די תורה און צדקה ומצוות עולה למעלה,

וועט זיין „ונתתי גשמיכם בעתם וגו'[72] ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד“[73], און כל הברכות המנויות בפרשה ביז „ואולך אתכם קוממיות“[74],

און דאס אלץ — נאך זייענדיג אין (די לעצטע רגעים פון) גלות[75].

און דאס וועט ממהר זיין נאכמער דעם „והפכתי אבלם לששון“

— א הבטחה פון דעם אויבערשטן, ובפרט נאך אז מען איז ממלא רצונו של הקב"ה אין דעם „חוט המשולש“ פון תורה עבודה און גמ"ח. ובפרט נאך אז מען טוט עס בשמחה ובטוב לבב —

אז דער אויבערשטער וועט מקיים זיין דעם „ואתם תלוקטו לאחד אחד“[76], אז ער (דער אויבערשטער) אליין וועט ארויסנעמען יעדער אידן באזונדער[77] פון דעם גלות הפנימי און פון דעם גלות כפשוטו,

און דער אויבערשטער וועט ארויס־גיין פון גלות מיט יעדער אידן צוזאמען

---

65) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב.

66) במש"נ כי אדם אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא (קהלת ז, כ).

67) ראה מ"א א, כא ובפרש"י. לקו"ת מטות פב, א.

68) דברים א, כא.

69) ראה ירושלמי חלה פ"ב ה"א.

70) בחוקותי כו, ג.

71) תו"כ ופרש"י עה"פ.

72) בחוקותי שם, ד.

73) שם, ו.

74) שם, יג.

75) ע"ד כמו שהי' בימי צאתך מארץ מצרים, אשר לכל בני ישראל הי' אור במושבותם (בא י, כג) קודם יצ"מ.

76) ישעי' כז, יב.

77) רש"י נצבים ל, ג.

[וואָרום כל זמן אידן זיינען אין גלות איז אויך דער אויבערשטער כביכול אין גלות][78],

אז בקרוב ממש וועט דער אויבערשטער גיין צוזאמען מיט יעדער אידן לקבל פני משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

78) מגילה כט, א. רש״י נצבים שם. וראה שיחת ל״ג בעומר תש״מ.

בס"ד. שיחה להתלמידים ולהתלמידות שיחיו
- בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה -
יום ה' פ' דברים, ד' מנחם-אב ה'תש"מ.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1].

ב. מ'האט זיך דאך צוזאמענגעקליבן דערפאר וואס מ'געפינט זיך אין די ניין טעג, אין דעם אנהויבם פון חודש מנחם-אב.

וואס דער חודש ווערט אנגערופן מנחם (אב)[2] - דערפאר וואס אין דעם חודש טרייסט מען (מ'איז מנחם) אידן מיט די הבטחה פון דעם אויבערשטן[3] אז "והפכתי אבלם לששון",

אז ער (דער אויבערשטער) וועט גאר אינגיכן איבערקערן און איבערבייטן דעם חודש, אז אנשטאט (און פון) די ניט פריילעכע טעג, וועט ווערן "ששון", פריילעכע טעג.

ג. דערצו דארף מען נאר האבן אז אידן זאלן טאן וואס עס הענגט אפ אין זיי אויף מבטל זיין די סיבה וואס האט געבראכט דער ניט-פריילעכקייט.

וואס די סיבה איז (ווי מ'זאגט אין דאווענען) - "מפני חטאינו גלינו מארצנו": דאס וואס ס'איז דא די מציאות פון גלות, "גלינו מארצנו", איז דאס פארבונדן דערמיט וואס אידן האבן זיך (אמאל) ניט אויפגעפירט ווי עס דארף צו זיין,

און דורך דערויף וואס מ'טוט תשובה, פאר זיך, פאר א צווייטן אידן, און פאר די פריערדיקע דורות - איז מען מבטל דעם "חטאינו", די סיבה פון דעם "גלינו מארצנו" -

איז זעלבסטפארשטענדליך, אז דעמולט ווערט בטל דער מסובב, דער "גלינו מארצנו", און מ'קערט זיך אום לארצנו הקדושה.

ד. און נאכמער: דורך דערויף וואס מ'טוט תשובה אויף "חטאינו", וואס דאס טוט אויף דעם ביטול פון "גלינו מארצנו" -.

האט מען די הבטחה אין תורה, אז ווען משיח וועט אינגיכן קומען, ברענגענדיק מיט זיך די גאולה האמיתית והשלימה -

- וועלן -

------------

1) נדפסו בחוברה "י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, השל"ו). 2) ראה לקו"ש י"ב-י"ג המוז השל"ח סוס"ג ובהנסמן עם בהע' 37. 3) ירמי' לא, יג.

וועלן די ניט-פריילעכע טעג ניט נאר ווערן איינפאכע טעג, ווי די טעג פון א גאנץ יאר - נאר "והפכתי אבלם לששון", עס וועט זיין יהפכו ימים אלו "לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[4] - די טעג וועלן איבערגעקערט ווערן און וועלן זיין גוטע טעג און פריילעכע טעג, מערער ווי איינפאכע טעג פון א גאנץ יאר[5].

און דער טעם פארוואס דאס וועט אזוי ווערן (אז די טעג וועלן ניט נאר ווערן אויס ניט-פריילעכע טעג, נאר עס וועט אויך זיין יהפכו ימים אלו "לששון ולשמחה ולמועדים טובים"), איז -

דערפאר וואס דאס קומט דורך דערויף וואס אידן טוען תשובה (נאך אין זמן הגלות), וואס תשובה טוט אויף דעם "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[6],

אז מ'מאכט פון דעם "חושך" און "סכלות" נאך א גרעסערע ליכטיקייט און נאך א גרעסערע קלוגשאפט ווי ס'איז געווען פאר דערויף,

א קלוגשאפט (חכמה) פארבונדן מיט די אמת'ע חכמה, תורה, און וואס אין איר (אין תורה) איז אויך אנגעוויזן ווי מ'דארף זיך אויפפירן אין א קלוגן אופן, דורך מקיים זיין מצוות.

ה. וואס דערפאר האט מען דעם ספעציעלן אנזאג, אז ווען עס קומען די דריי וואכן,

אנהויבנדיק פון שבעה עשר בתמוז, און דערנאך, נאכמער, אין די ערשטע ניין טעג פון חודש אב [וואס מ'האט אים א נאמען געגעבן מנחם אב (כנ"ל)] -

זאל מען זיך נאכמער משתדל זיין און טאן אין לערנען תורה, און אין מקיים זיין מצוות, כולל אויך די מצוה פון דאווענען, בעטן בא דעם אויבערשטן פאר אלע זיינע ברכות,

ובמיוחד - בעטן די ברכה העיקרית - אז גאר איינגיכן זאל זיין די גאולה ע"י משיח צדקנו,

און מ'וועט זעהן ווי יהפכו ימים אלו "לששון ולשמחה ולמועדים טובים", דעם "והפכתי אבלם לששון", בפועל ממש, יעדער איד אין זיין ארט, און אלע אידן צוזאמען,

און דערנאך - אלע צוזאמען גיין אין ארצנו הקדושה,

- אין -

------------

4) זכרי' ח, יט. דמב"ם סוף הל' תעניות. 5) ראה לקו"ש חט"ו ע' 414 ואילך. 6) ע"פ ל' הכתוב - קהלת ב, יג.



הנחת הת' בלתי מוגה

אין אונזער הייליקער לאנד, מיט משיח צדקנו,

ובמהרה בימינו ממש, גאר אינגיכן.

* * *

ו. האמור לעיל איז בנוגע צו יעדער איד, סיי מענער, סיי פרויען, סיי קינדער;

בנוגע אבער צו אידישע קינדער איז דא נאך א ספעציעלער אנזאג, און א ספעציעלע חשיבות און וויכטיקייט בקשר לימים אלו:

עס שטייט אין מדרש[7]: "בא וראה כמה חביבין תינוקות לפני הקב"ה, גלתה סנהדרין ולא גלתה שכינה עמהם": אפילו ווען מ'האט אוועקגעפירט אין גלות די סנהדרין, וואס צווישן אידן זיינען זיי דאך געווען די עלטערע און די באהאווענסטע אין תורה און מצוות, און זיי זיינען געווען די אנפירער פון דעם גאנצן אידישן פאלק - איז נאך דער אויבערשטער געבליבן אין ירושלים און אין ביהמ"ק,

"גלו משמרות ולא גלתה שכינה עמהם": אפילו ווען מ'האט אוועקגעפירט אין גלות (אויך) די "משמרות", די משפחות וואס האבן אנגעפירט מיט כהונה און מיט לוי', מיט די כהנים און לויים, וואס זיי זיינען דאך געווען אויסגעקליבן, אלס פארשטייער פון דעם גאנצן אידישן פאלק, צו דינען דעם אויבערשטן און מקריב זיין קרבנות אין ביהמ"ק - איז נאך דער אויבערשטער געבליבן אין ירושלים און אין ביהמ"ק;

"כיון שגלו תינוקות, גלתה שכינה עמהם, הדא הוא דכתיב[8] עולליי' הלכו שבי לפני צר - מיד ויצא מבת ציון כל הדרה": בשעה די תינוקות של בית רבן, אידישע קינדער, זיינען אוועק אין גלות - ערשט דעמולט איז אויך דער אויבערשטער ("הדרה זה הקב"ה"[9]) געגאנגען (מיט זיי) אין גלות.

ז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז כל זמן אידישע קינדער האלטן זיך אין אידישקייט, אין "ירושלים" און אין "בית-המקדש" - קען זיך נאך ניט אנהויבן דער אמת'ער גלות, וויבאלד אז דער אויבערשטער געפינט זיך נאך אין ירושלים און אין ביהמ"ק צוזאמען מיט די קינדער.

ואדרבה: וויבאלד אז די אידישע קינדער זיינען נאך אין ירושלים און אין ביהמ"ק - ברענגט מען אויך צוריק די סנהדרין און די משמרות כהונה ולוי' און דעם גאנצן אידישן פאלק, צו ירושלים און צום ביהמ"ק.

- ח. -

------------

7) איכ"ר פ"א, לב-לג. 8) איכה א, ה-ו. 9) איכ"ר שם, לג.

ח. דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז כדי עס זאל בטל ווערן דער גלות, און מ'זאל זיין צוריק אין ירושלים און אין ביהמ"ק, און - אין גאנץ ארץ ישראל, איז אן אופן פון גאולה.

איז צום אלעם ערשטן און דאס העכסט-וויכטיקסטע איז - אז אידישע קינדער זאלן זיך גלייך אוועקשטעלן ברוחניות אין ירושלים און אין ביהמ"ק,

דורך לערנען תורה [וואס דאס איז פארבונדן מיט סנהדרין און מיטן ביהמ"ק, ווארום מקום סנהדרין גדולה איז געווען "אצל המזבח"[10] אין "לשכת הגזית"[11]],

און דורך מקיים זיין מצוה, און מאכן פון יעדער אויפפירונג זייער א קרבן צו דעם אויבערשטן [וואס דאס איז פארבונדן מיט די משמרות כהונה ולוי' (כנ"ל ס"ו)] - אז ער גיט-אפ אלע זיינע טועכצן, זיינע רייד, און זיין טראכטן (מחדו"מ) צו דעם אויבערשטן, "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[12].

און בשעת אידישע קינדער פירן זיך אזוי, קומט דער אויבערשטער גלייך צוריק אין ירושלים און אין ביהמ"ק ברוחניות,

און וויבאלד אז מ'טוט אויף אזוי ברוחניות - ווערט דאס בדרך ממילא אזוי אויך בגשמיות.

ט. דאס הייסט, אז דורך די אידישע קינדער, און דורך זייער אויפפירונג אין די אלע דריי זאכן - לערנען תורה, און מקיים זיין דעם ענין התפלה, און דעם ענין הצדקה, וואס צדקה איז כולל אלע מצוות[13], וואס די דריי ענינים ווערן נכלל אין "ציון[14] במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[15] -

ווערט בטל דער גלות כפשוטו, דורך דעם וואס עס ווערט בטל דער גלות ברוחניות, און עס קומט אויך גלייך די גאולה האמיתית בפשטות - אז יעדער איד און אלע אידן, און אידישע קינדער בראש - גייען ארויס פון גלות מיט משיח צדקנו, און מ'גייט אין ארץ הקודש, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[16],

- וואס -

------------

10) ירושלמי מכות פ"ב ה"ו. מכילתא ס"פ יתרו. משפטים כא, יד. פרש"י ר"פ משפטים. 11) סנהדרין פו, ב במשנה. מדות פ"ה מ"ד. רמב"ם הל' סנהדרין פי"ד הי"ב. 12) אבות פ"ב מי"ב. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ב. 13) לקו"ת ראה כג, ג. וראה גם לקו"ת ר"פ דברים (א, ד). 14) ישעי' א, כז. 15) ראה שיחה יום ג', ר"ה ניסן ש.ז. הע' 59. 16) עקב יא, יב.

וואס איר הויפט-שטאט איז ירושלים, "עיר בה חנה דוד"[17], און דער מרכז, די נקודה עיקרית, פון ירושלים, איז - דער ביהמ"ק.

און דאס איז מבטל דעם "עולליי' הלכו שבי לפני צר", במילא קערט זיך אום "הדרה זה הקב"ה" צוריק אין ציון און אין ירושלים און אין ארץ הקודש,

און מ'האט די גאולה האמיתית והשלימה "בשעתא חדא וברגעא חדא"[18], במהרה בימינו ממש.

* * *

י. בהמשך להאמור לעיל אז דורך די דריי ענינים פון תורה, תפלה און צדקה, ווערט בטל דער גלות און עס קומט די גאולה, "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" - ווערט מען איצטער רעדן אן ענין אין תורה.

און אע"פ וואס מ'האט שוין פריער געהאט די דריי ענינים - דער ענין פון תפלה אין תפלת מנחה, דער ענין פון תורה, דורך זאגן די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל פון תושבע"פ, און מ'האט אויך זיכער געגעבן צדקה -

וויבאלד אבער אז מ'דארף דאך האבן די "נחמה בכפלים"[19], צוויי מאל אזוי פיל - דעריבער, איז אין צוגאב דערצו וואס מ'האט שוין גערעדט דעם ענין פון תפלה, די ברכה און בקשה בא דעם אויבערשטן אז גאר איינגיכן זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה, ווי דערמאנט פריער (ס"ה),

און אין צוגאב דערצו וואס מ'האט אויך גערעדט אן ענין פון תורה פארבונדן מיט דער גאולה, ווי דערמאנט פריער דעם אפטייטש פון מדרש אויפן פסוק (אין תושב"כ) "עולליי' הלכו שבי לפני צר ויצא מבת ציון כל הדרה" - אז ביז מ'איז געווען "עולליי' הלכו שבי לפני צר" האט מען נאך אפגעהאלטן דעם "ויצא מבת ציון כל הדרה" -

ווערט מען איבער'חזר'ן נאך אן ענין אין תורה וואס איז פארבונדן מיט דער גאולה און מיטן ביהמ"ק - א הלכה אין הלכות בית הבחירה להרמב"ם.

און ווי גערעדט מערערע מאל[20] וואס חז"ל[21] זאגן, אז בשעה מ'לערנט און מ'איז זיך עוסק אין תורה וועגן דעם ביהמ"ק, זאגט דער אויבערשטער אז "אני מעלה עליהם כאילו

- בבנין -

------------

17) ע"פ ישעי' כט, א. 18) ל' הזהר - ח"א קכט, סע"א. 19) ראה איכ"ר ספ"א. יל"ש ישעי' רמז תמה. 20) ראה בארוכה לקו"ש מטעי (בין המצרים) ש.ז. וש"נ. 21) תנחומא צו יד.

בבנין הבית הם עוסקין", אז דאס ווערט פאררעכנט און דאס גרייט-צו און היילט-צו דעם בנין בית המקדש בפועל.

יא. דער בית המקדש ווערט אנגערופן - "בית הבחירה", ווי ער ווערט אנגערופן אין מערערע פסוקים[22] "המקום אשר יבחר ה'" (וכיו"ב), וואס דער טייטש פון דעם איז - דעם ארט וואס דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן.

אזוי אויך דער רמב"ם בספרו יד החזקה אין דעם חלק וואס הייסט "ספר עבודה", וואו עס רעדט זיך וועגן ביהמ"ק און קרבנות רופט ער אן די ערשטע הלכות פון "ספר עבודה" - "הלכות בית הבחירה", און ניט ווי ער רופט אן די שפעטערדיקע הלכות אין דעם ספר - "הלכות כלי המקדש", וכיו"ב.

וואס אין דערויף (אז דער ביהמ"ק ווערט אנגערופן "בית הבחירה") איז אויך דא א קלארמאכונג און א הלכה.

און דאס איז - אז דער ביהמ"ק ווערט אנגערופן אן ארט און א הויז וואס דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פאר דעם קלייבן איז נאך ניט געווען קלאר אין וועלכן ארט דאס וועט זיין, ד.ה. אז דאס האט אויך געקענט זיין אין אן אנדער ארט.

יב. לכאורה איז דאס אבער ניט פארשטאנדיק:

דער רמב"ם אליין[23] זאגט אז דער ארט פון ביהמ"ק (און פון מזבח) איז געווען א ספעציעלער ארט נאך איידער מ'איז אהינצו געקומען דוד המלך און אפגעקויפט דעם ארט:

"מסורת ביד הכל שהמקום שבנה בו דוד ושלמה המזבח בגורן ארונה הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק, והוא המקום שבנה בו נח כשיצא מן התיבה [און ער האט געבראכט א קרבן אויף דעם מזבח במקום זה, כדי די וועלט זאל האבן א קיום, און עס זאלן מעדניט זיין ענינים ווי דער מבול], והוא המזבח שהקריב עליו קין והבל, ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא",

איז ווי קען מען זאגן אז דאס איז "בית הבחירה", אן ארט וואס דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן, ד.ה. אז עס האט געקענט זיין אויך אין אן אנדער ארט (כנ"ל) - בשעת דער רמב"ם אליין זאגט אז דאס איז געווען א ספעציעלער ארט, און דארטן זיינען שוין פריער געווען פילע מזבחות?!

- יג. -

---

22) ראה יב, יא. שם, כו. ובכ"מ. 23) בהל' ביהב"ח פ"ב ה"ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

יג. איז דער ביאור בזה:

סיי אדם הראשון, ובמילא אויך זיינע קינדער, קין און הבל, סיי נח און סיי אברהם – זיינען געווען נביאים און זיי האבן געוואוסט אז מיט דער צייט וועט דער אויבערשטער אויסקלייבן דעם ארט אויף בויען דארטן דעם ביהמ"ק און מזבח,

דערפאר האט עס זיי באוואויגן אז אויך זיי זאלן אין דעם ארט מאכן זייער מזבח, וואס דאס איז געווען זייער מקדש פרטי, ווארום דאס איז געקומען אלס א הוצאה דערפון וואס דאס איז געווען דער ארט וואס דער אויבערשטער וועט אויסקלייבן פארן ביהמ"ק.

ד.ה. אז דאס וואס אדם הראשון, קין והבל, נח און אברהם האבן מקריב געווען במקום המקדש והמזבח (וואס וועט שפעטער געבויט ווערן אויף דעם ארט) – איז ניט געווען דערפאר וואס דער מקום איז בעצם געווען א ספעציעלער מקום – נאר דאס איז געקומען אלס א תוצאה דערפון וואס דאס וועט זיין דער בית הבחירה, דער ארט וואס דער אויבערשטער וועט אויסקלייבן פארן ביהמ"ק, און באמת האט דער אויבערשטער געקענט אויסקלייבן אן אנדער ארט.

און מ׳מוז אזוי זאגן (אז דער ביהמ"ק איז ניט געווען פארבונדן ספעציעל מיט דעם מקום, נאר דאס איז געווען א בית הבחירה, דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן דעם מקום, און ער האט אויך געקענט אויסקלייבן אן אנדער מקום) –

ווארום מ׳זעט דאך אז דער משכן איז געווען אין מדבר, ניט אין דעם ארט וואו ס׳איז דערנאך געווען דער ביהמ"ק, און דארטן (אין משכן) איז געווען השראת השכינה, דארטן איז געווען דער אויבערשטער מיט אלע נסים וואס זיינען פארבונדן מיטן משכן און מיטן ביהמ"ק*.

יד. דערפון האט יעדער איד אן אפלערנונג אין זיין עבודה:

יעדער איד האט מען געגעבן בחירה, אז ער זאל אויסקלייבן פון זיין טייל אין וועלט, און פון אלע זיינע מעשים, און מאכן דערפון א הייליקן ארט פאר דעם אויבערשטן, אן ארט וואו ער באזעצט זיך, אן ארט וואס ווערט אנגערופן "בית זבול"[24].

– און –

---

24) מ"א ח, יג. דה"א ו, ב.

---

*) לשלימות הענין – ראה לקו"ש ראה ש.ז.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

און אע"פ אז ער געפינט זיך אין גלות, אדער ער געפינט זיך אין ארץ ישראל אבער ניט אין אדט פון דעם ביהמ"ק, אדער אפילו אז ער געפינט זיך אין ארט פון דעם ביהמ"ק אויפן הר הבית, אבער אין הר הבית איז מען דאך אויך אין גלות -

פונדעסטוועגן גיט אים דער אויבערשטער דעם כח, אז ער זאל מאכן א "בית הבחירה" - ער זאל אויסקלייבן פון יעדערע פון זיינע פעולות, אז דאס זאל ווערן א "בית הבחירה" פאר דעם אויבערשטן,

דורך דערויף וואס ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות, און יעדער זאך וואס ער האט איז ביי אים "לשם שמים", צוליב דעם אויבערשטן.

און דעמולט קלייבט אויס דער אויבערשטער אז אין דעם ארט (דער ארט וואס דער איד האט אויסגעקליבן) זאל ער זיך באזעצן, כל זמן אז מ'געפינט זיך נאך אין גלות (ע"ד ווי ס'איז געווען אין דער משכן).

און דאס היילט אויך נאכמער צו, אז גאר אינגיכן וועט מען מיטנעמען די אלע מקומות "מקדש מעט"[25], די אלע "קליינע" מקומות מקדשים וואס אידן האבן געמאכט במשך זמן הגלות, און מ'וועט זיי אלע איבערפירן קיין ארץ ישראל, ווארום עס וועט קומען די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס יבנה מקדש במקומו[26] דוקא, ער וועט אויפבויען דעם ביהמ"ק אין דעם ארט וואו ס'איז געווען דער ביהמ"ק פון "דוד אביו"[27] און שלמה.

און דאס וועט זיין במהרה בימינו - ווארום אידן בכלל, און אידישע קינדער במיוחד, וועלן מאכן פון יעדער זייער פעולה און פון יערער זייער ארט - א "מקדש מעט".

און דורך דעם ברענגען אלע צוזאמען אראפ דעם בית הבחירה, און דערנאך קומען אלע צוזאמען דארטן,

במהרה בימינו ממש.

* * *

טו. האמור לעיל איז אויך פארבונדן מיט דער סדרה פון דער וואך, פ' דברים, און אין פ' דברים גופא - מיט דעם פינפטן טאג פון דער וואך, וואס דעמולט לערנט מען דעם חלק אין חומש פון חמישי ביז ששי.

- וואס -

---

25) מגילה כט, א. 26) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 27) ל' הרמב"ם שם.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס יום החמישי בשבת, דער פינפטער טאג אין וואך, איז דאך א ספעציעלער טאג, כידוע אז ס׳איז געווען איינגעארדענט אז די "בתי דינים (די דיינים) יושבין בעיירות בשני ובחמישי" (מאנטיג און דאנערשטיג)[28], און דארטן פלעגט מען מאכן א משפט, און פאנאנדערקלייבן חילוקי דעות וואס זיינען דא צווישן אידן, כדי צו מאכן שלום צווישן זיי.

ונוסף לזה איז יום החמישי בשבת אויך איינער פון די צוויי וואכן-טעג אין וועלכע מ׳לייענט בתורה.

און אין דערויף גופא איז דאנערשטיג אן אויסנאם לגבי מאנטיג - ווי די גמרא[29] זאגט אז ביום החמישי האט דער אויבערשטער געגעבן א ברכה פאר זיינע באשעפענישן[30], און דערנאך איז די ברכה פארגעזעצט געווארן אויך ביום השישי[31].

וואס דערפאר איז דער יום החמישי בשבוע א מסוגל׳דיקער טאג.

טז. אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג[32], יום החמישי, דערציילט ער וועגן די צוגרייטונגען ווי אזוי אידן זאלן אריינגיין אין ארץ ישראל, און דערנאך אין דעם המשך נאך דערויף - ווי אזוי מ׳איז ארייין בפועל אין ארץ ישראל.

דערציילט ער, אז דער אויבערשטער האט גלייך אנגעזאגט אידן, אז דאס וואס געהערט ניט צו זיי, נאר צו אנדערע פעלקער, זאלן זיי ניט אנרירן;

און דערנאך[33] זאגט דער אויבערשטער אז ארץ סיחון און ארץ עוג, וואס זיי זיינען געווען דער ארייינטריט, דער פארשטוב, דער קארידאר, צו ארץ ישראל[34] - דאס זאל מען יע איינעמען, ווארום דאס געהערט אינגאנצן צו אידן.

יז. וואס אויך דערפון האט מען אן אפלערנונג. ובהקדם:

אין ארץ ישראל געפינען זיך דאך פארשידענע פעלקער, ווי רש"י ברענגט אויך אראפ אין אנהויבם פון זיין פירוש אויף חומש.

איז בשעת עס וועלן קומען צוגיין די פעלקער ("רגשו - גוים") -

------------

28) ירושלמי מגילה פ"ד ה"א קרוב לסופה. משנה ריש מס׳ כתובות. 29) כהובות ה, א. 30) בראשית א, כב. 31) שם, כח. 32) דברים ב, ב ואילך. 33) ב, כד ואילך. שם ג, ב ואילך. 34) ראה במדב"ר פי"ט, כט. תנחומא חקת כג. וראה גם פרש"י עה"פ חקת כא, כג.

גוים"[35] און פרעגן א איד אדער א ניט איד (און ווי כ'זעט אז מ'פרעגט טאקע):

ווי אזוי קענסטו זאגן אז גאנץ ארץ ישראל, שליכות הארץ, געהערט צו אלע אידן און צו יעדער אידן - בשעה עס געפינען זיך דאך דארטן נאך פעלקער?!

און דערנאך זאגסטו אז ווען עס וועט קומען די גאולה האמיתית והשלימה, וועט מען אפגעבן גאנץ ארץ ישראל צו אידן,

און ניט נאר מ'וועט אפגעבן, נאר "נחתי" (ווי עס שטייט אין היינטיקן שיעור חומש[36]) - דער אויבערשטער האט דאס שוין פון פריער אפגעגעבן צו אידן[37].

און במילא וועט דער גאנצער אידישער פאלק, מיט די אידישע קינדער בראש, אינגיכן גייך אין ארץ ישראל, און "ומלאו את הארץ וכבשוה"[38]- ארץ ישראל וועט אינגאנצן באזעצט ווערן מיט אידן -

איז היתכן - פרעגן די פעלקער - אז מ'טוט אזא זאך?!

חי. באווארנט דאס דער אויבעדשטער אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג - וואס דארטן איז אונטערשטראכן, אז דער אויבערשטער האט גלייך אנגעזאגט די אידן אז דאס וואס געהערט ניט צו זיי, נאר צו אנדערע פעלקער, זאלן זיי ניט אנרירן,

אבער דאס וואס דער אויבערשטער גיט אידן, ארץ סיחון ועוג, געהערט דאס צו זיי אינגאנצן.

וואס דערפון האט מען די אפלערנונג:

די פעלקער וואס טענה'ן אז אידן ווילן עפעס צונעמען ביי אימעצן אנדערש, און דאס געהערט ניט צו זיי (צו אידן) -

דארפן זיי וויסן, אז בשעת זייערע עלטערן און אור-עלטערן זיינען נאך געווען אינגאנצן ווילד, און זיי זיינען ארומגעלאפן אין די וועלדער און געגעסן מענטשן-פלייש, און אינגאנצן ניט געווען שייך צו קיין צדק ויושר -

האט מען שוין דעמולט מחנך געווען (ערצויגן) אידן, אז זיי נעמען נאר דאס וואס געהערט צו זיי, און געהערט צו זיי דערפאר וואס דער אויבערשטער האט זיי דאס אפגעגעבן, אבער דאס וואס געהערט צו אנדערע נעמען זיי ניט!

- יס. און -

------------

35) תהלים ב, א. 36) ב, כד. 37) ראה ירושלמי חלה פ"ב ה"א. ב"ר פמ"ד, כב. 38) ל' הכתוב - בראשית א, כח.



הנחת הת' בלתי מוגה

יט. און דאס באווארנט די שאלה וואס גוים פרעגן ווי אזוי זאגט מען אז גאנץ ארץ ישראל געהערט צו אידן.

וואס עס זיינען דא אזוינע וואס זיינען ניט שייך צו קיין צדק ויושר, אדער זיי וויסן ניט וואס עס שטייט אין תורה - במילא מיינען זיי אז די טענה איז א ריכטיקע טענה;

בשעת אבער מ׳זעט וואס עס ווערט דערציילט אין היינטיקן שיעור חומש, און ווי ס׳איז דארטן אונטערגעשטראכן אז אידן נעמען נאר דאס וואס געהערט זיי, און דאס וואס געהערט זיי ניט, דיינען זיי אפגעהיט דערפון - איז פארשטאנדיק אז גאנץ ארץ ישראל געהערט צו אידן ע"פ צדק ויושר.

און כאמור, דאס איז שוין געזאגט געווארן, און אידן האבן זיך אזוי געפירט - נאך ווען די ווילדע פעלקער האבן געגעסן מענטשן-פלייש

וואס אויך בא געוויסע פעלקער אין היינטיקע צייטן איז דאס דא, דאס איז נאר צוגעדעקט פון אויבן, אבער זיי שטאמען פון די וואס האבן געגעסן מענטש-פלייש -

ווארום אידן האבן שוין דעמולט באקומען די תורה און האבן זיך געפירט לויט דעם אויבערשטן׳ס אנווייזונגען, און זיי זיינען דעמולט צום ערשטן מאל אריינגעגאנגען אין ארץ ישראל, זיי האבן דאס אבער באקומען אלס א נחלת עולם, אלס אן אייביקע ירושה אויף אלע דורות,

און במילא די וואס ווילן עפעס צונעמען פון שלימות הארץ, עפעס-וואס א שטיקל פון ארץ ישראל - איז דאס גזל, און דאס איז היפך הצדק והיושר,

און דאס וועט ניט מצליח זיין, ווארום (ווי מ׳האט ערשט געזאגט[39]) "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל"[40] -

דער אויבערשטער האט אונז אפגעגעבן אויף אלע דורות, ארץ ישראל, אנהויבנדיק פון ארץ סיחון ועוג, ווי דערציילט אין דעם סיום פון היינטיקן שיעור חומש.

* * *

כ. אין דערויף איז אויך דא א ספעציעלע שליכות צו קינדער:

דער זהר (וואס איך אים זיינען ארויסגעגעבן געווארן די באהאלטענע ענינים פון תורה) וואס איז פארבונדן ביט

- פרשהנו -

---

39) בסיום תפלת מנחה, אחרי אמירה "עלינו". 40) ישעי׳ ה, י.

פרשתנו, פ' דברים[41], הויבט זיך גלייך אן כיט אן ערציילונג:

עס זיינען געגאנגען גרויסע חכמים, ר' יהודה מיט נאך חכמי ישראל, און זיי האבן אנגעטראפן א אידישן קינד, א "ינוקא", און דער ינוקא האט מיט זיי געלערנט תורה,

דערנאך האט ר' יהודה געזאגט צו ר' שמעון[42] "זכאה חולקך" און "זכאה דרא" אין וועלכן אויך קליינע קינדער לערנען תורה, און אויך רזי תורה,

און ווי ער זאגט דארטן "המלאך הגואל אותי מכל רע יברך את הנערים"[43], אז דער אויבערשטער באשיצט און בענטשט יעדער אידישן קינד און אלע אידישע קינדער, במילא דארף מען ניט מורא האבן פאר קיין עין בלתי טובה ("עינא בישא"), ווי דערציילט דארטן[44].

און אדרבה - "וידגו לרוב בקרב הארץ"[43], אז זיי מערן זיך אלס מערער און מערער אין דער גאנצער וועלט.

כא. דערפון האט מען נאך אן אפלערנונג בנוגע צו אידישע קינדער:

דורך דערויף וואס די קליינע אידישע קינדער גייען מיט תורה, כולל אויך מיטן ספר הזהר [וואס "בהאי חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר כו' יפקון בי' מן גלותא ברחמים"[45] - ער בדענגט די גאולה און מיט אים גייט מען ארויס פון דעם גלות], אז זיי פארבינדן זיך מיט פנימיות און סודות התורה, און מיט הלכות שבתורה -

פארגרעסערט דאס נאכמער די פארבונדנקייט פון יעדער אידן און פון אלע אידן, ובפרט צווישן קינדער,

ווארום דער ענין השלום איז מערער ניכר אין פנימיות התורה ווי אין נגלה דתורה, ווארום "ליח חמן לא קשיא כו' ולא מחלוקת"[45] - אין פנימיות התורה איז דא ווייניקער מחלוקת און מער שלום, ווי אין נגלה דתורה, ווי מ'זעט עס אויך בפשטות.

עד"ז איז דא דער ענין השלום אין נגלה דתורה - בשעת מ'לערנט הלכות שבתורה, ווארום א הלכה איז דאך גלייך פאר אלעמען, כאטש אפילו אז די מענטשן קענען האבן פארשידענע סברות.

- וואס -

---

41) זח"ג קפו, א ואילך. 42) שם קפז, א. 43) ויחי מח, טז. 44) ראה גם פרש"י עה"פ. 45) זח"ג קכד, ב ברע"מ. הובא ונתבאר באגה"ק סכ"ו.

וואס דערפאר איז דורך דערויף וואס מ׳פארבינדט זיך מיט פנימיות התורה און מיט הלכות שבתורה - ברענגט דאס דעם ענין פון אהבת ישראל און דעם ענין פון שלום בישראל, וואס דאס פארבינדט אלע אידן צוזאמען.

און אין דערויף נעמען אידישע קינדער א פירענדע פעולה - ווי דערציילט אין דעם זהר הנ"ל, אז זיי זיינען מגלה תורה און סודות התורה אויך פאר תנאים און אמוראים.

כב. און דער שלום צווישן אידן, וואס ער קומט דורך אהבת ישראל, איז מבטל די סיבה וואס האט געבראכט דעם גלות, שנאת חנם, ווי די גמרא זאגט אין יומא[46].

און שלום איז דער "כלי מחזיק ברכה"[47], ביז אז דאס ברענגט צו "ונתתי שלום בארץ"[48], אז עס ווערט שלום אין אלע ערטער וואו אידן געפינען זיך, ובפרט "בארץ" (סתם) - אין ארץ ישראל,

ווארום "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו"[49] - אידישע קינדער לערנען תורה און זיינען מקיים מצוות,

און "והשיב לב אבות על בנים"[50] - זיי ווירקן אויך אויף זייערע עלטערן אז זיי זאלן נאכמער טאן אין לערנען תורה און אין מקיים זיין מצוות.

און מ׳טוט דאס אין אן אופן פון "ואולך אתכם קוממיות"[51], מ׳טוט דאס מיט א שטאלצקייט[52].

וואס דאס ברענגט, ובמיוחד דורך "יפוצו מעינותיך חוצה"[53], די גאולה האמיתית והשלימה.

* * *

כג. ס׳איז דא נאך א ספעציעלע זאך פארבונדן מיט דעם טאג:

מ׳געפינט זיך דאך איצטער נאך מנהה פון ד׳ מנחם-אב, וואס דאס איז ערב פון ה׳ מנחם-אב, דער יום ההילולא פון דעם אריז"ל הקדוש.

וואס בשעת מ׳דערמאנט זיך אויף א צדיק, איז דאס ניט נאר כדי סתם זיך דערמאנען אויף אים - נאר אויך אויף אפלערנען זיך פון זיינע וועגן (אויף וויפל מ׳קען נאכפאלגן זיינע וועגן לויט אונזערע כחות).

- און -

------------

46) ט, ב. 47) עוקצין בסופה. 48) בחוקותי כו, ו.
49) שם, ג. 50) מלאכי ג, כד. וראה פרש"י שם.
51) בחוקותי שם, יג. 52) ראה תו"כ ופרש"י עה"פ. 53) ראה אגה"ק דהבעש"ט - נדפסה גם בריש ספר כש"ט הוצאת קה"ת.

און וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט א צוזאכצן-קלייבן זיך פון אידישע קינדער, און מ'דערציילט דאס זיי - האבן זיי זיכער די אלע כחות וואס איז נויטיק אויף צו אפלערנען זיך פון די הויפט-זאכן פון די אויפפירונגען פון דעם אריז"ל.

און דאס האט אויך א קשר מיט "יפוצו מעינותיך חוצה" - ווארום דער אריז"ל האט געזאגט[54] אז "מותר ומצוה לגלות זאת החכמה", אז מ'זאל פארשפרייטן און לערנען רזי תורה.

כד. איינע פון די הויפט-זאכן אין דער אויפפירונג פון דעם אריז"ל, איז פארשטאנדיק פון דעם וואס עס שטייט[55], אז דאס וואס דער אריז"ל האט זוכה געווען צו דערגרייכן צו "רוח הקודש" - איז דאס געווען דערפאר וואס "שמח מאד בעשיית המצוות" - ער האט געהאט א גרויסע אומגעהויערע שמחה בשעת ער האט מקיים געווען יעדער מצוה.

א צווייטע זאך וואס דער אריז"ל האט איינגעשטעלט, איז - בנוגע צו תפלה:

"נכון לומר קודם התפלה הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת[56] לרעך כמוך"[57], אז ער איז גרייט צו זיך כולל זיין[58] און פארבינדן זיך און פאראייניקן זיך, דורך אהבת ישראל, "ואהבת לרעך כמוך", מיט יעדער איד און מיט אלע אידן.

ער"ז געפינט מען אויך א הנהגה מיוחדת בא דעם אריז"ל בנוגע צו צדקה און מצוות:

בנוגע צו צדקה און מצוות איז די הנהגה פון דעם אריז"ל געווען אין אן אופן אז ער האט זיך ניט גערעכנט מיט קיינע שוועריקייטן, און ווען עס איז געקומען צו געבן צדקה, אדער אויף צו באצאלן פאר א מצוה - פלעגט ער אריינלייגן זיין האנט אין קעשענע און פון דארטן ארויסנעמען די געלט אויף געבן צדקה אדער אויף באצאלן פאר דער מצוה, ניט ציילנדיק וויפל געלט דארטן איז געווען[59].

כה. וויבאלד אז מ'דערציילט אונז די ענינים און הנהגות פון דעם אריז"ל, און מ'דערציילט דאס אויך אידישע קינדער - איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א וועג אין וועלכן יעדער אידישער קינד קען גיין און דארף גיין:

- צום -

---

54) אגה"ק שם (קמב, ב). 55) תו"א תולדות כ, ב. 56) קדושים יט, יח. 57) אדה"ז בסידורו קודם "מה טובו". מכתבי האריז"ל (שער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. סידור האריז"ל במקומו). 58) ראה שעה"כ ופע"ח שם. 59) שער המצוות ר"פ עקב. ל"ת (טעהמ"צ) פ' ראה.

הנחה הת' בלתי מוגה

צום אלעם ערשטן, בשעת עס קומט צו א מצוה, ובפרט צו מצות צדקה - זאל ער ניט ציילן צי עס איז שווער צי לייכט אויסצופירן דאס, נאר ער זאל זיך פארלאזן אז זיכער וועט אים דער אויבערשטער העלפן.

ווען ער טרעפט נאך א אידן, דארף ער צו אים האבן א געפיל פון "ואהבת לרעך כמוך" (ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל).

אז עס קומט צו יעדער מצוה - זאל ער דאס טאן מיט די גרעסטע שמחה.

און די אלע זאכן היילן נאכמער צו אז עס זאל זיין דער "והפכתי אבלם לששון", אז עס זאל זיין די גאולה.

כו. בקשר להנ"ל - איז מיין הצעה (מיין פארשלאג) און בקשה, צו אידישע קינדער (די וואס זיינען דא, אדער די וואס הערן דאס אין אן אנדער ארט, אדער די צו וועלכע מ׳וועט דאס איבערגעבן),

[און אזוי אויך צו ערוואקסענע - אבער במיוחד בנוגע צו די "עוללים ויונקים", ווארום "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו׳ להשבית אויב ומתנקם"[60] - דאס איז מבטל דעם גלות און די ניט-פריילעכקייט בא אידן] -

אז פון היינטיקן טאג ביז חמשה עשר באב

- וואס דעמולט לייכט די לבנה אין דער פולסטער שיין, די שטייט דעמולט אין א שלימות (אין א גאנצקייט), וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו אידן - וויבאלד אז "ישראל מונין ללבנה"[61], און "דומין ללבנה"[62], אידן זיינען גלייך צו דער לבנה, און זיי ציילן זייערע הדשים אויך לויט דער לבנה -

זאל יעדערער פון אייך טאן יעדער טאג אין די אלע דריי ענינים, פון תורה תפלה און צדקה, מיט א הוספה מערער ווי ס׳איז געווען ביז איצטער:

אין תורה: לערנען יעדער טאג א נייעם ענין אין תורה.

אין תפלה: מוסיף זיין יעדער טאג א קאפיטל תהלים, וואס האט געשריבן "דוד מלך ישראל" וואס ער איז "חי וקיים"[63].

אין צדקה: מוסיף זיין בכל יום אין נהינת צדקה, פעדער ווי מ׳האט געגעבן ביז איצטער,

- און -

---

60) תהלים ח, ג. 61) סוכה כט, א. 62) ראה ב"ר פ"ו, ג.
63) ר"ה כה, א.

און פרייטיק - זאל מען געבן צדקה אויך פאר שבת.

און טאן די אלע ענינים מיט שמחה.

כז. בכדי צו באווייזן אז די שמחה מיט וועלכע מ'טוט די אלע זאכן איז נאך גרעסער - זעט מען דאך אז בשעה מ'האט א שמחה וויל יעדערער זיין מערער פריילעך ווי א צווייטער -

זאל מען מאכן צווישן די קינדער אן ענין פון "קנאת סופרים תרבה חכמה"[64]:

יעדער קינד זאל פארשרייבן און פארצייכענען, און ברענגען אן אונטערשריפט פון זיין (אדער איר) פאטער אדער מוטער, פון דער מדריך אדער מדריכה - אז אין די טעג (די ניין טעג, און אויך דערנאך - ביז חמשה עשר באב) האט ער (זי) געטאן די און די פעולות פון תורה, תפלה און צדקה.

און אויך - א פעולה מיוחדת אין אהבת ישראל, אז ער האט באקומען ווייניקסטן'ס נאך איין גוטן פריינט; ער האט זיך באפריינדעט מיט נאך א קינד (א אינגעלע מיט א אינגעלע, א מיידעלע מיט א מיידעלע), מערער וויפל ס'איז ביי אים געווען אין די פריערדיקע טעג.

און אויך - אויפגעטאן אין "והשיב לב אבות על בנים" - ער האט געבעטן זיין פאטער אדער מוטער, אדערביידן, אז זיי זאלן מיט אים צוזאמען לערנען אן ענין אין תורה, זיי זאלן מיט אים צוזאמען זאגן א קאפיטל תהלים.

און בשעת מ'וועט צוזאמענקלייבן די אלע צעטלעך פון די קינדער (וואס דארטן איז פארצייכנט וואס זיי האבן געטאן בימים אלו אין די ענינים האמורים לעיל) בחמשה עשר באב - זאל מען דאס אפגעבן אין א ועד מיוחד, אין א ספעציעלער "קאמיטי", וואס ער וועט פארגלייכן די דערגרייכונגען וואס יעדער קינד האט אויפגעטאן,

און דערנאך זאל מען געבן פרסים צו די קינדער לפי וויפל זיי האבן אויפגעטאן,

וואס דאס וועט פועל'ן אז עס זאל זיין "קנאת סופרים" במילא וועט זיין "תרבה חכמה" - די קינדער וועלן נאכמער צוגעבן אין די אלע פעולות.

און די פרסים זאל מען אפגעבן ראש חודש אלול, וואס ער איז דער חודש הרחמים[65].

- כח. -

---

64) ב"ב כא, א. 65) לקו"ת ראה לב, סע"ב.

כח. און דאס וועט אראפברענגען פאר יעדערן פון די קינדער, פאר עלטערן און קרובים, און פאר די מדריכים און מדריכות - א כתיבה וחתימה טובה, לשנה טובה ומתוקה.

און נאך אין דעם יאר, נאך פאר דעם נייעם יאר - זאל מען זעהן די גאולה האמיתית והשלימה,

דורך "יפוצו מעינותיך חוצה", און דורך לערנען ענינים אין זהר, וואס "בהאי חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר כו׳ יפקון בי׳ מן גלותא ברחמים", און דורך טאן אין מצות צדקה, וואס "גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה"[66],

און מ׳זאל זעהן ווי אזוי "ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה", אז דורך תורה תפלה און צדקה איז שוין געקומען משיח צדקנו, און יעדער איד און אלע אידן זיינען געקומען אין ארצנו הקדושה, אין אונזער הייליקער לאנד,

"שלימות העם", דער גאנצער פאלק, קיין איין און איינציקער איד איז ניט געבליבן אין גלות[67],

און מ׳געפינט דארטן "שלימות הארץ" - גאנץ ארץ ישראל לגבולותי׳, און מ׳זעט און אלע זיינען מודה, אויך די פעלקער פון דער גאנצער וועלט, אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי׳ געהערט צו יעדער אידן און צו אלע אידן,

ווארום אידן האלטן זיך אין "שלימות התורה", און אין דער גאנצער תורה און אין דער גאנצקייט פון תורה.

און מ׳גייט מקבל זיין פני משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן להמדריכים והמדריכות שיתיו מטבעות, שיתנו לכל אחד ואחת מהילדים והילדות שיתיו שתי מטבעות, כל אחת של עשר סענט].

——— * ———

---

66) ב"ב י, א. 67) ראה לקו"ש תי"א בתחלתו. וש"נ.

בס"ד. שיחת ש"פ דברים, שבת חזון ה'תש"ב.

<u>הנחת הה' בלהי מוגה</u>

א. שבת חזון איז דער שבת וואס קומט אלעמאל פאר תשעה באב,

וואס דערפאר רעדט זיך רוב ההפטורה פון דעם שבת[1] וועגן די ענינים וואס האבן געבראכט צו תשעה באב.

אבער אין דעם סיום והותם פון דער הפטורה[2], וואס דאס באווייזט אז דאס איז דער סך-הכל און די כוונה ומטרה פון דער גאנצער הפטורה[3] - זאגט ער "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה".

וואס דאס איז ניט נאר דער סיום וחותם, פון דער הפטורה - נאר אויך דער סיום וחותם, ובמילא אויך דער סך-הכל און כוונה ומטרה, פון היינטיקע גאנצע סדרה,

ווארום די הפטורה איז דער סיום פון דער סדרה, מפטיר מלשון "אין[4]מפטירין אחר הפסח אפיקומן"[5], ובמילא איז דער סיום וסך-הכל פון דער הפטורה, "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה", אויך דער סיום וסך-הכל פון דער גאנצער סדרה.

ב. וואס דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס אין לקו"ת פון היינטיקע פרשה, איז דא נאר א מאמר מיטן ד"ה ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה, מיט א ביאור אויף דעם, און מערניט.

וואס דעם לקו"ת האט דאך מסדר געווען דער צ"צ[6] - איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

דער מאמר ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה איז דאך ניט קיין מאמר אויף די פסוקים פון פ' דברים, און אויך אין תוכן המאמר רעדט זיך אויך ניט וועגן דער פרשה - איז פארוואס האט דער צ"צ אריינגעשטעלט נאר דעם מאמר אין לקו"ת פ' דברים, און ניט קיין מאמר אויף די פסוקים, אדער פארבונדן מיטן תוכן, פון פ' דברים?

און ווי מ'זעט טאקע אז אין אוה"ת זיינען געדרוקט כמה מאמרים אויף אלה הדברים, און זיי רעדן זיך אויך וועגן דעם תוכן פון די פרשה, ועד"ז זיינען אויך דא מאמרים אויף אלה הדברים וואס זיינען ניט געדרוקט - און אעפ"כ איז אין

- לקו"ת -

------------

1) ישעי' קאפיטל א. 2) פסוק כז. 3) ראה ברכות יב, א. 4) פסחים קיט, ב במשנה. 5) אבודרהם סדר שחרית של שבת. רמ"א או"ח סקמ"ד ס"ב. וראה אנציקלופדי' תלמודית ערך הפטרה ס"א. וש"נ. 6) ראה מכתב כ"ק אדמו"ר הריי"ץ - נדפס בהוספות לתו"א (יט, א ואילך) וללקו"ת (ג, א).

לקו"ת האט דער צ"צ אדיינגעשטעלט ניט די מאמרים, נאר דוקא א מאמר אויפן פסוק ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה, מיט א ביאור אויף דעם?!

ע"פ הנ"ל איז פארשטאנדיק דער ביאור בזה: דער סך-הכל און כוונה ומטרה פון גאנץ פ' דברים איז דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" - דערפאר האט דער צ"צ איינגעשטעלט אין לקו"ת נאר א מאמר מיט דעם ד"ה, און ניט קיין מאמר וואס זיין ד"ה און זיין תוכן איז פון די פסוקים פון פ' דברים,

וואס דער ד"ה פון א מאמר איז דער יסוד און התחלה און תוכן פון דעם גאנצן מאמר.

ג. לפ"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק: די זעלבע זאך וואס מ'זאגט בנוגע צו פ' דברים, אז איר סך-הכל און כוונה ומטרה, איז איר הפטורה (און סיום ההפטורה), איז אויך בנוגע צו אלע פרשיות שבתורה - און אעפ"כ געפינט מען אין לקו"ת דרושים אויף די פסוקים פון די פרשיות, און ניט נאר אויף די פסוקים פון די הפטורות?

איז די הסברה בזה בפשטות: אין אלע פרשיות שבתורה איז ניט אזוי נוגע צו מדגיש זיין דעם סך-הכל און כוונה ומטרה זייערע (אין דער הפטורה); משא"כ אין פ' דברים דארף מען מדגיש זיין אז דער סך-הכל און כוונה ומטרה אירע איז - "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה".

והביאור בזה:

שבת פ' דברים איז אלעמאל שבת חזון, דער שבת פאר תשעה באב, וואס אין דעם שבת דארף מען זיך מתבונן זיין אין די ימים הבאים לאחריו, כולל אויך תשעה באב,

וואדום שבה איז "מיני' מתברכין כולהו יומי"7, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין דעם שבת זיינען נכלל די אלע טעג הבאים לאחריו, וואס דערפאר האט דער שבת בפשטות דעם כח צו מברך זיין און ממשיך זיין אין די טעג,

וואס דערפאר דארף דאס אויך ארויסקומען אין עבודת האדם אין דעם שבת, אז דער מענטש דארף ארויסברענגען בגלוי בשבת ווי די ימים הבאים לאחריו זיינען נכלל אין שבת, וואס דאס טוט ער אויף דורך טראכטן און זיך מתבונן זיין ביום השבת אין די טעג וואס וועלן קומען נאך שבת.

וואס בשעה ער טראכט אין היינטיקן שבת, שבת חזון,

- וועגן -

---

7) ראה זח"ב סג, ב. פח, א.

וועגן די טעג הבאים לאחריו – איז דער טאג הכי בולט – דער טאג פון תשעה באב.

וואס תשעה באב איז פארבונדן מיט ענינים פון היפך השמחה, ביז אז דאס קומט אויך אראפ בפועל, אז תשעה באב טוט מען כמה ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט היפך השמחה, כמבואר אין פוסקים.

קומט דאך אויס אז אין דעם שבת טראכט ער און ער איז זיך מתבונן אין ענין פון היפך השמחה – תשעה באב, מיט די אלע פרטים שבזה –

דערפאר איז דוקא אין דעם שבת נוגע צו מדגיש זיין אז די גאנצע כוונה פון די ענינים פון היפך השמחה שבתשעה באב איז – אז עס זאל זיין "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"; די גאנצע כוונה פון דער ירידה איז צוליב דער עלי' וואס וועט דערנאך זיין – ירידה צורך עלי'.

ד. והביאור בזה:

עס שטייט אין ילקוט שמעוני אויף תחלת ספר ירמי'[8], אז דאס וואס "עלה ארי' [- "זה נבוכדנאצר דכתיב[9] עלה ארי' מסובכו"] במזל ארי' [- "בחודש החמישי"[10]] והחריב אריאל" [- "קרית חנה דוד"[11]], איז דאס געווען "על מנת שיבוא ארי' [- "זה הקב"ה דכתיב בי'[12] ארי' שאג מי לא יירא"] במזל ארי' [- "והפכתי אבלם לששון"[13]] ויבנה אריאל" [- "בונה ירושלים ה' נדחי ישראל יכנס"[14]].

וואס דער קשר פון דעם צו ספר ירמי' איז פארשטאנדיק:

ענינו פון ירמי' איז געווען – דער ענין פון גלוה און מרידות,

וואס דאס איז דאך דער חילוק צווישן ישעי' מיט ירמי'[15], אז ישעי' איז ענינו גאולה און ירמי' איז ענינו גלות, ווי די גמרא[16] זאגט אז ספר ישעי' איז "כולי נחמתא", און ספר ירמי' רעדט וועגן "חורבנא", ד.ה. אז אין ירמי' איז בגלוי דער ענין פון גלות און מרידות.

און ווי דאס איז אויך מרומז אין זייערע נעמען: "ישעי'" איז מלשון "ישועה"[17], און "ירמי'" האט אין זיך די

– אותיות –

---

8) רמז רנט. וראה אוה"ת נ"ך כרך ב ע' א'נו ואילך.
9) ירמי' ד, ז. 10) שם א, ג. 11) ישעי' כט, א. 12) עמוס ג, ח. 13) ירמי' לא, יג. 14) תהלים קמז, ב. 15) ראה לקו"ש פינחס תשל"ז ס"ד ובהערות שם. 16) ב"ב יד, ב.
17) פרש"י ומצו"ד עה"פ ישעי' מט, א. וראה אוה"ת שם דיש ע' א' נט.



הנחת הת' בלתי מוגה

אותיות "מר", וכידוע די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[18], אז "ירמי'" איז אותיות "ירם י"ה" און "ישעי'" – "ישע י"ה, שע"ה נהורין".

דערפאר שטייט אין ילקוט גלייך בתחלת ספר ירמי', אז די גאנצע כוונה פון "ירמי'", וואס דאס איז דער ענין פון ירידת הגלות און חורבן, דער ענין פון "עלה ארי' במזל ארי' והחריב אריאל", איז – "על מנת" אז דערנאך זאל זיין די עלי', "יבוא ארי' במזל ארי' ויבנה אריאל",

ווארום וויבאלד אז ילקוט איז אין דעם חלק האגדות שבתורה, וואס "רוב סודות התורה גנוזין בה" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[19]) – און מ'דארף דאך אמאל אבער האבן אז די "סודות" וואס זיינען "גנוזין בה" זאלן ארויסקומען מן ההעלם אל הגילוי –

איז דערפאר אין תחלת ספר ירמי' ברענגט ארויס דער ילקוט בגלוי די כוונה וואס ליגט בהעלם אין "ירמי'", אין ירידת הגלות – אז דאס איז "על מנת שיבוא ארי' במזל ארי' ויבנה אריאל".

ה. פון דעם ילקוט איז פארשטאנדיק, אז בעצם איז אי אפשר אז עס זאל זיין די גאנצע מציאות פון ירידת הגלות; און אפילו אז ס'איז שוין דא אזא מציאות, איז די מציאות "על מנת שיבוא ארי' כו'",

ד.ה. אז ירידת הגלות, דער "עלה ארי' במזל ארי' והחריב אריאל" האט קיין שום מציאות ניט חוץ פון דעם וואס דאס איז א הכנה ("על מנת") צו "יבוא ארי' במזל ארי' ויבנה אריאל".

און דאס איז דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" וואס מ'זאגט אין סיום והותם פון דער הפטורה דשבת חזון – אז דער גאנצער סך-הכל און כוונה פון שבת פ' דברים, וואס "מיני' מתברכין" די טעג פון דער וואך, כולל אויך דער טאג פון תשעה באב, איז – "על מנת שיבוא ארי' כו' ויבנה אריאל".

ו. און דער ילקוט ברענגט די ראי' אז "ארי'" זה הקב"ה" פון דעם פסוק "ארי' שאג מי לא יירא".

וואס די ראי' פון "ארי' שאג" באווייזט אז "יבוא ארי'" מיינט אז דער אויבערשטער וועט ניט סתם אזוי "קומען", ד.ה.

– נהגלה –

---

18) כה"ש תש"ג ריש ע' 140. 19) אגה"ק סכ"ג (קלז, א).



הנחת הת' בלתי מוגה

נהגלה ווערן - נאר ער וועט נהגלה ווערן אין אן אופן פון "ארי׳ שאג".

אין דערויף גופא קען דאך אבער זיין אז עס זאל זיין "ארי׳ שאג", אבער ברצונו של הקב"ה זאל דאס ניט פועל׳ן אויף א נברא,

ע"ד ווי מ׳זאגט בנוגע צו ידיעה און בחירה[20], אז אע"פ וואס בידיעתו של הקב"ה ווייסט ער אלץ, אבער אזוי איז געווען רצונו אז די ידיעה זאל ניט פועל׳ן אויף א נברא -

דערפאר זאגט ער אין ילקוט "ארי׳ שאג מי לא יירא": דער "ארי׳ שאג" איז אויף אזוי פיל פארבונדן מיט א נברא - אז "מי לא יירא" - עס קען זיך גארניט לייגן אין שכל האנושי אז פון דעם "ארי׳ שאג" זאל ביי אים ניט זיין קיין יראה, ד.ה. אז די יראה קומט אראפ בתחתונים ממש.

ז. דערנאך איז דער ילקוט ממשיך "(יבוא ארי׳) במזל ארי׳", וואס דאס גייט אויף דעם זמן אין "חודש החמישי", חודש מנחם-אב, וואס דעמולט איז געווען דער "עלה ארי׳ כו׳ והחריב אריאל",

און ווי דער ילקוט איז אליין מפרש - אז דאס (וואס "יבוא ארי׳ ויבנה אריאל" וועט זיין "במזל ארי׳") איז וואס עס שטייט "והפכתי אבלם לששון", אז דער "אבלם" אין "מזל ארי׳" (מצד דעם וואס דעמולט איז "עלה ארי׳ והחריב אריאל"), וועט נתהפך ווערן "לששון", וויבאלד אז דעמולט וועט זיין "יבוא ארי׳ ויבנה אריאל".

ד.ה. אז די גאולה וועט זיין ניט סתם א גאולה פון דעם גלות, נאר די וועט זיין אין דעם זעלבן חודש אין וועלכן עס איז געווען דער חורבן, וואס דאס איז דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, אז אין דעם זמן וואס "ממעטין בשמחה"[21] ווערט די גאולה.

דכאמור לעיל, אז דאס גופא וואס אין דעם חודש איז געווען די ירידה און דער חורבן, איז "על מנת" (איר גאנצע מציאות איז נאר) אז דערנאך זאל אין דעם חודש זיין די עלי׳ - ירידה צורך עלי׳.

ח. און וויבאלד אז ירידה צורך עלי׳, מוז מען זאגן אז די עלי׳ צו וועלכע מ׳קומט צו דורך דער ירידה איז א העכערע ווי מ׳איז געשטאנען איידער די ירידה -

- ווארום -

------------

20) ראה לקו"ש ח"ז ע׳ 366 ואילך. וש"נ. 21) תענית כו, ב במשנה.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

ווארום אויב ניט איז איינגאנצן ניט פארשטאנדיק צוליב וואס איז געווען די גאנצע ירידה - מ'האט געקענט בלייבן וואו מ'איז געשטאנען און ניט יורד זיין!..

וויבאלד אבער אז ס'איז געווען א ירידה פון דעם מצב אין וועלכן מ'איז געשטאנען - איז בהכרח לומר אז די עלי' צו וועלכע מ'קומט צו דורך דער ירידה איז אן עלי' העכער ווי מ'איז געשטאנען לפני הירידה.

ס. און ווי דאס איז געווען בא דעם ערשטן גלות, גלות מצרים, און די גאולה פון דעם גלות, יציאת מצרים:

ס'איז ידוע[22] אז דער "ירוד ירדנו"[23] אין גלות מצרים איז געווען צוליב "ואנכי אעלך גם עלה"[24] - די צוויי ירידות זיינען געווען צוליב די צוויי עליות, צוליב דעם "אעלך" וואס איז געווען ביציאת מצרים, און דעם "גם עלה" וואס וועט זיין אין דער גאולה העתידה.

וואס אילו זכו וואלט שוין אין דעם ערשטן "ירוד" געווען כלול די ירידה שלאח"ז, דער איצטיקער גלות, און בא יציאת מצרים וואלט געווען די גאולה האמיתית.

וואס אויך דעמולט וואלט געווען די ירידה צורך עלי', ווי מ'זעט בפועל אז דורך דער ירידה אין גלות מצרים איז מען צוגעקומען ניט נאר צו דער דרגא אין וועלכע מ'איז געשטאנען איידער די ירידה - נאר נאך דער ירידה איז צוגעקומען א הוספה וואס איז ניט געווען איידער די ירידה, ווארום אויב ניט איז צוליב וואס האט מען געדארפט מלכתחלה האבן די ירידה אין גלות מצרים.

וואס די הוספה איז געווען אז ס'איז מקוים געווארן די הבטחה[25] "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול":

בא די ירידה אין מצרים זיינען געווען "שבעים נפש"[26], וואס זיי האבן כולל געווען אין זיך גאנץ סדר ההשתלשלות, כמבואר אין חסידות,

און נאכמער, דארטן איז אויך געווען יעקב, וואס "שופרי' דיעקב מעין שופרי' דאדה"ר[27] . והיתה נשמתו ג"כ כלולה מכל הנשמות שבישראל מעולם ועד עולם" (אזוי ווי אדה"ר, וואס "כל הנשמות שבעולם היו כלולות באדה"ר"), און דערפאר איז "ויקרא לו א-ל אלקי ישראל"[28], כמבואר אין אגה"ק[29].

- און -

---

22) תו"א ר"פ שמות. 23) ל' הכתוב - מקץ מג, יט. 24) ל' הכתוב - ויגש מו, ד. 25) לך לך טו, יד. 26) שמות א, ה. וראה גם ויגש מו, כז. 27) ב"מ פד, א. 28) וישלח לג, כ. 29) ה"ז (קיא. ב ואילך).

און אעפ"כ, וויבאלד אז די אידן האבן יורד געזועץ אין גלות מצרים - איז דער "רכוש" (וואס איז בא זיי געווען אײדער די ירידה) ניט געווען מספיק, און עס האט געדארפט זיין "יצאו ברכוש גדול",

ווארום אויב ניט, איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק פארוואס האבן זיי געדארפט מלכתחלה יורד זיין.

י. וואס דאס איז אויך דער ביאור אויף די טענות, אז מען איז מוותר אויף דעם "רכוש גדול" - אבי ארויסגיין א רגע פריער פון גלות און גיין צו דער גאולה!

וואס דאס האבן גע׳טענה׳ט אידן און גדולי ישראל און אבות העולם ווי די גמרא[30] דערציילט, אז אידן אין מצרים האבן גע׳טענה׳ט אז זיי זיינען מוותר אויפן "רכוש גדול", אבי מ׳זאל שוין ארויסגיין פון גלות.

און אעפ"כ האט דער אויבערשטער אפגעהאלטן אידן נאך א "הרף עין" אין גלות - וואדום די גאנצע כוונה פון דעם "ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה"[31] איז געווען נאר צוליב דעם "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול", און אויב מ׳וואלט צוגעקומען (נאך דער ירידה) נאר צו דער דרגא אין וועלכע מ׳איז געשטאנען אײדער די ירידה - וואלט מען ניט געדארפט האבן די גאנצע ירידה,

בכדי אז מ׳זאל צוקומען צו דער העכערער עלי׳ (העכער ווי מ׳איז געשטאנען אײדער די ירידה) האט געדארפט זיין נאך א רגע פון גלות.

יא. ועד"ז איז דער ביאור אויף דער אריכות פון דעם איצטיקן גלות, וואס ער איז ע"ד דער "ירוד ירדנו" וואס איז געווען בא גלות מצרים, וואס בכללות איז "ירוד ירדנו" כולל אין זיך צוויי ירידות, אבער בפרטיות איז דאס כולל אין זיך אלע ד׳ גליות, גלות בבל, גלות פרס ומדי, גלות יון, ביז צו אונזער גלות - גלות אדום.

וואס אידן טענה׳ן דאך און בעטן זיך אז מ׳זאל וואס פריער ארויסגיין פון דעם גלות, ס׳איז שוין גענוג דער עניך הגלות פון "שכינתא בגלותא"[32] ובמילא פון דעם וואס אידן געפינען זיך אין גלות - איז פארוואס פארהאלט מען זיי אין אזא אריכות הגלות?!

איז דער ביאור בזה, כנ"ל: די גאנצע כוונה פון דעם

- גלות -

------------

30) ברכות ט, ריש ע"ב. 31) לך לך שם, יג. 32) ראה מגילה כט, א.

גלות איז דאך נאר צוליב דעם אז מ'זאל צוקומען צו א העכערע דרגא ווי מ'איז געשטאנען פאר דעם גאנצן גלות, אז עס זאל זיין דער "יצאו ברכוש גדול", און לולא זאת וואלט ניט געווען די גאנצע ירידה,

און בכדי צוקומען צו דער עלי' דארף מען אפהאלטן אידן נאך א ווײַלע אין גלות - דערפאר מוז מען זיי אפהאלטן, ווארום אויב ניט - האט מען גארניט פארדונען פון דעם וואס מ'האט זיי ארײַנגעלייגט און געהאלטן אין גלות ביז איצטער.

ד.ה. אין די אותיות פון דעם ילקוט: ס'איז ניט מספיק אז עס זאל זיין "יבוא ארי' במזל ארי' ויבנה אריאל", וואס דאס איז דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, אז אין דעם זעלבן מזל ווען ס'איז געווען דער "עלה ארי' והחריב אריאל", ווערט דער "יבוא ארי' ויבנה אריאל",

נאר עס מוז אויך זיין דער "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[33] - אז עס זאל אויך צוקומען אין דער דרגא אין וועלכע מ'שטייט לאחרי דעם "יבוא ארי' ויבנה אריאל", לגבי ווי מ'איז געשטאנען איידער ס'איז געווען דער גאנצער ענין פון "עלה ארי' והחריב אריאל",

ווארום אויב ניט - איז ניט פארשטאנדיק פארוואס האט געדארפט זיין דער "עלה ארי' והחריב אריאל".

און דערפאר, בשעת עס קומט צו א מצב וואס אויב מ'נעמט ארויס אידן פון גלות, וועט בא זיי ניט צוקומען א "רכוש גדול" לגבי ווי זיי זײַנען געשטאנען פאר דער ירידה אין גלות - ווערט דער גאנצער תכלית און סיבה פארוואס ס'איז געווען דער גלות - בטל,

דערפאר, בכדי צו אויספירן כוונת הגלות - דארף מען פארהאלטן די אידן נאך א רגע אין א מצב פון ירידה און גלות, בכדי אז ווען זיי וועלן דעמולט ארויסגיין פון גלות וועט דאס זיין מיט דער גאנצער שלימות, מיט אן עלי' נעליה יותר ווי ס'איז געווען איידער די ירידה.

יב. דערמיט האט מען אויך א ביאור אין דער גמרא[34] וואס זאגט אז "כלו כל הקיצין".

דלכאורה: ווי קען די גמרא זאגן "כלו כל הקיצין", לשון רבים - ווען דער גאנצער ענין פון א קץ איז, אז דעמולט גייט מען ארויס פון גלות, ד.ה. אז ס'איז דא נאר איין קץ הגלות, און דער באך-דאכר וואס האט געזאגט איין קץ,

- האט -

---

33) ע"פ ל' הכתוב - קהלת ב, יג. 34) סנהדרין צז, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

האט געווים שולל געווען דעם קץ פון א צווייטן מאן-דאמר, וואָרום ער זאגט אז אין דעם זמן וועט זיין דער קץ הגלות, און ניט אין א צווייטן זמן ווי דער אנדער מאן-דאמר זאגט?!

וע"ד ווי דער לשון הכתוב[35] איז "בעתה אחישנה", "בעתה" לשון יחיד, ניט "בעתות" לשון רבים -

איז ווי איז שייך זאגן "כלו כל הקיצין" לשון רבים?!

און אע"פ אז בנוגע צו א מחלוקת און אן ענין צווישן כמה מאן-דאמר'ס זאגט מען "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[36] - איז דאס אבער שייך זאגן נאר לע"ל, אדער אין עולמות עליונים[37];

משא"כ בנוגע צו אן אופן ההנהגה ווי צו פירן זיך אין עוה"ז (ניט לע"ל, און ניט עולמות העליונים) אין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[38] - קען מען זיך פירן נאר לויט איין אופן, וואס דאס איז דער ענין פון הלכה, וואס "וה' עמו - שהלכה כמותו בכל מקום"[39], און דארטן איז ניט שייך דער ענין פון "אלו ואלו דברי אלקים חיים".

און וויבאלד אז בענינינו רעדט מען וועגן עוה"ז הגשמי, און נאך נידעריקער - עוה"ז החומרי: מ'רעדט וועגן דעם ענין פון גלות, וואס גלות איז געקומען צוליב חטאינו. "מפני חטאינו גלינו מארצנו", וואס די גאנצע מציאות פון חטא איז נאר אין עוה"ז, ועד"ז איז דער גלות אין עוה"ז. און במילא דארף מען אויך האבן די גאולה אין עוה"ז -

דערפאר קען מען אין עוה"ז הגשמי זאגן נאר איין קץ הגלות, ווען עס וועט זיך בפועל ענדיקן דער גלות - איז ווי קען די גמרא זאגן "כלו כל הקיצין" לשון רבים?!

## יג. איז דער ביאור בזה:

יעדער מאן-דאמר וואס האט געזאגט א זמן ווען עס וועט זיין דער קץ הגלות, האט גערעדט לפי דרגתו און השגתו אין דעם ענין פון דעם "רכוש גדול" וואס וועט ארויסקומען פון (און נאך) דעם גלות.

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק בפשטות אז אין דעם "רכוש גדול" וואס קומט ארויס נאך דעם גלות - זיינען דא כו"כ דרגות.

- און -

------------

35) ישעי' ס, כב. 36) עירובין יג, ב. 37) ראה מק"מ לזח"א יז, ב. מד"ש לאבות פ"ה מי"ז. הובאו בלקו"ה קרח נד, סע"ב ואילך. 38) אבות פ"א מי"ז. 39) סנהדרין צג, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

און ווי ס'איז געווען בא יציאת מצרים:

באם ארויסגיין פון מצרים איז דער "רכוש גדול" באשטאנען פון ביזת מצרים, וואס ס'איז געווען "וינצלו את מצרים"[40].

דערנאך אבער נאך קרי"ס איז דער "רכוש גדול" באשטאנען פון דעם וואס די אידן האבן באקומען בעת "ביזת הים", וואס "גדולה היתה ביזת הים מביזת מצרים", כמבואר במדרשי חז"ל[41].

און אויך ביזת הים איז געווען א חלק פון יצי"מ, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס קרי"ס איז געווען בשביעי של פסח, וואס דעמולט איז געווען דער גמר פון יציאת מצרים,

און ווי די גמרא[42] זאגט, אז כל זמן וואס אידן האבן ניט געזעהן "את מצרים מת על שפת הים"[43], האבן זיי מורא געהאט אז "כשם שאנו עולין מצד אחד כך מצריים עולים מצד אחר" - וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז דעמולט (שביעי של פסח) איז געווען דער גמר פון יציאת מצרים.

וואס דערפון קומט אויס, אז אין דעם "רכוש גדול" וואס אידן האבן באקומען ארויסגייענדיק פון מצרים זיינען געווען דרגות.

יד. עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם "רכוש גדול" פון דער גאולה העתידה, אז אין דערויף זיינען דא כמה דרגות.

ובכללות כמדובר כמ"פ[44]: די גמרא[45] זאגט "אין בין העוה"ז לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד", און אעפ"כ שטייט[46] "וגר זאב עם כבש גו'".

און דער רמב"ם אין הל' מלכים[47] איז מבאר אז "וגר זאב עם כבש גו'" איז א "משל וחידה" אויף אוה"ע, במילא איז דאס קיין סתירה ניט צו "אין בין העוה"ז לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד".

ס'איז דאך אבער ידוע וואס דער רמב"ם שרייבט באגרה הידועה שלו[48], אז דאס וואס ער שרייבט אין הל' מלכים אז "וגר זאב עם כבש גו'" איז נאר א "משל וחידה" אויף אוה"ע - איז דאס ניט קיין דבר ברור אז דאס וועט זיין א "משל וחידה"

- עס -

------------

40) בא יב, לו. וראה ברכות שם. 41) מכילתא עה"פ בא שם. פרש"י עה"פ בשלח טו, כב. 42) פסחים קיח, ב. ערכין טו, א. וראה גם מכילהא ופרש"י עה"פ בשלח יד, ל. 43) בשלח שם. 44) ראה לקו"ש חט"ו ע' 417 ואילך. וש"נ. 45) ברכות לד, ב. וש"נ. 46) ישעי' יא, ו. 47) רפי"ב. 48) אגרת תחיית המתים.

עס קען זייך אז דאס מיינט כפשוטו, אבער וויבאלד אז ס'איז ניט קיין דבר ברור (אז דאס מיינט כפשוטו) שרייבט ער עס ניט אין הלכות מלכים, נאר ער פארלאזט זיך אויף שיקול הדעת, און אז מ'וועט דערצו ברענגען ראיות וכו'.

און ווי חסידות[49] (מיוסד אויף קבלה[50]) פסק'נט טאקע, אז "וגר זאב עם כבש גו'" מיינט כפשוטו, און עס וועט אויך זיין "ונער קטן נוהג בם"[46] כפשוטו, אז ער וועט "נוהג" זיין דעם נחש הקדמוני, און דערפאר אויך - דעם נחש כפשוטו.

וואס דאס איז דאך זיכער א שינוי אין סדר הנהגת העולם, און ניט אז "אין בין העוה"ז לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד".

איז דער ביאור אין דעם, אז עס וועלן זיין צוויי זמנים לע"ל: איין זמן וועט "אין בין העוה"ז לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד", און א צווייטער זמן וועט עס וועט זיין "וגר זאב עם כבש גו'".

וואס עפ"ז זעט מען אויך ווי עס זיינען פאראן דרגות אין דעם עניין פון "רכוש גדול" וואס וועט זיין אין דער גאולה העתידה, נאך דעם איצטיקן גלות.

וע"ד ווי עס זיינען בכללות דא די צוויי זמנים, וואס זיי זיינען די צוויי דרגות אין דעם "רכוש גדול" וואס וועט זיין אין דער גאולה העתידה, עד"ז איז אין דעם ערשטן זמן גופא דא כמה דרגות ואופנים ווי עס קען זיין דער "רכוש גדול".

טו. וואס עפ"ז וועט מען פארשטיין די חילוקים צווישן די מאן-דאמר'ס בנוגע ווען עס וועט זיין דער קץ הגלות:

ווי געזאגט פריער (סי"ג), יעדער מאן-דאמר וואס האט געזאגט ווען עס וועט זיין דער קץ הגלות - האט גערעדט לפי דרגתו והשגתו אין דער גרויסקייט פון דעם "רכוש גדול" (די עלי'), וואס דארף ארויסקומען דורך ירידת הגלות.

ד.ה. אז לפי ערך דעם "רכוש גדול" וואס דארף זיין אין דער גאולה - לפ"ז נעמט מען ארויס ווי לאנג עס דארף זיך ציען דער גלות, וואס לפי ערך דעם גלות וירידה קומט ארויס דערנאך די עלי' און דער "רכוש גדול".

- און -

---

49) ד"ה כי פדה לאדה"ז (סה"מ אתהלך לאזניא ע' נח. עס הגהות - אוה"ת נח (כרך ג) תרע, א ואילך). שער האמונה צט, ב. ד"ה וככה תרל"ז פ"כ. ספצ"ד. ובכ"מ. 50) דאה עבוה"ק ח"ב פל"ח.

און דאס רעדט זיך ניט נאר בנוגע צו די מאן-דאמר'ס אין גמרא וואס זאגן ווען דער קץ הגלות וועט זיין - נאר אויך די קיצין וואס עס האבן געזאגט אלע גדולי ישראל נאכן זמן הש"ס,

ביז צו דעם קץ הידוע פון דעם אלטן רבי'ן, אין דעם דרוש עה"פ [51]"ואת האלף ושבע מאות כו'"[52], מיט דער סיפור הקשור בזה,

ביז צו דעם קץ פון כ"ק מו"ח אדמו"ר פון תש"ג[53], וואס ער האט דעמולט געזאגט "לאלתר לתשובה לאלתר לגאולה".

וואס יעדער איינער פון די וואס האבן געזאגט די קיצין, האט גערעדט לפי דרגתו והשגתו אין דער עלי' און "רכוש גדול" וואס וועט זיין לע"ל, און לפ"ז האט ער אויסגערעכנט וויפל צייט עס דארף געדויערן די עבודה אין זמן הגלות בכדי צו קענען צוקומען צו דער עלי' און "רכוש גדול" אין דער גאולה העתידה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז ניט דער פירוש, ח"ו, אז דער וואס האט געזאגט א שפעטערדיקן קץ האט געוואלט האלטן אידן לענגער אין גלות -

נאר אזוי ווי דער אויבערשטער איז אין סוף, איז בשעת עס קומט צו נאך א המשכה פון אלקות, דערזעט מען ערשט דעמולט אז ס'איז דא נאך א העכערע דרגא אין אלקות, עד א"ס[54].

וואס דערפאר איז אפילו נאך דערויף וואס איינער האט געזאגט א קץ, מצד דעם וואס ביי אים איז אויסגעקומען אז די מעלה פון אידן ע"י עבודתם אין זמן הגלות מאנט אדויס אזוי פיל עבודה אין זמן הגלות וויפל מ'דארף האבן בכדי צוקומען צו דעם "רכוש גדול",

אעפ"כ איז דערנאך געקומען א צווייטער, און מצד דעם וואס ביי אים איז צוגעקומען אין תורה (מערער ווי בא דעם ערשטן), ובמילא איז ביי אים צוגעקומען אין שלימות ידיעת התורה, ובמילא איז ביי אים צוגעקומען מערער אין דער שלימות הידיעה פון דער מעלה וואס אידן קענען דערגרייכן, וואס די דרגא איז באין ערוך העכער ווי בא דעם ערשטן איז אויסגעקומען -

- האט -

---

51) פקוד לח, כח. 52) נזכר בהו"ש ע' 237. נדפס ב"מגדל עז" (להר"י שי' מונדשיין) ע' תפד ואילך (וראה בארוכה שם ע' תפג ואילך). 53) ראה שיחה ש"פ עקב, כ"ף מנחם-אב הש[illegible]. 54) ראה "מגדל עז" ע' קנה ואילך (אות יא), ובהמ[illegible] שם בהע' 2.



הנחה הת' בלתי מוגה

האט דער צווייטער געזאגט א שפעטערדיקן קץ, וויבאלד אז ער האט געזעהן אן עילוי נעלה יותר אין אידן וואס עס קומט צו ע"י עבודתם אין זמן הגלות - האט ער פארשטאנען אז מ'דארף האבן מערער עבודה אין גלות בכדי צוקומען צו דער העכערער דרגא.

ועד"ז בנוגע צו דעם וואס האט געזאגט נאך א שפעטערדיקן קץ, און אזוי ווייטער.

טז. און יעדערער פון זיי (פון די וואס האבן געזאגט א קץ) האט אזוי געלערנט מיט זיינע תלמידים - אז לפי דרגתו והשגתו איז דער קץ הגלות אין דעם זמן.

ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו שמאי, אז ער האט געלערנט מיט זיינע תלמידים דעם ענין הגבורות, וואס דאס איז דרגתו, שמאי מלשון "השם באורהותיו"[55], און הלל האט געלערנט מיט זיינע תלמידים דעם ענין החסדים, וואס דאס איז דרגתו, הלל מלשון "בהילו נרו"[56], כמבואר אין לקו"ת[57].

ואילו זכו וואלט דער קץ הגלות ווי יעדערער האט געלערנט מיט זיינע תלמידים, ארויסגעקומען בגלוי אין יענעם זמן אויך פאר אלע אידן אין וועלט.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם קץ פון כ"ק מו"ח אדמו"ר פון תש"ג, וואס ער האט דעמולט געזאגט "לאלתר לתשובה לאלתר לגאולה", כנ"ל.

זיינען געווען אזוינע וואס תואנה הם מבקשים, און זיי האבן געפרעגט: היתכן וואו איז דער "לאלתר לגאולה"?!

איז די הסברה בזה כנ"ל: לפי דרגת והשגת כ"ק מו"ח אדמו"ר איז ארויסגעקומען אז דער "רכוש גדול" פון דער גאולה העתידה איז אזא דרגא וואס אויף איר דארף מען אנקומען צו עבודה אין גלות ביז שנת תש"ג, און אזוי האט ער געלערנט מיט זיינע תלמידים, ואילו זכו וואלט דאס דעמולט אויך ארויסגעקומען צו די גאנצע וועלט.

און דערנאך, וויבאלד אז מ'זעט אז אידן געפינען זיך נאך אלץ אין גלות, איז א הוכחה, אז ס'איז דא נאך א העכערע דרגא און עילוי אין אידן, וואס צו דער דרגא קען מען צוקומען נאר דורך דעם וואס עס וועט זיין נאכמער עבודה אין גלות.

יז. לפ"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק לאידך גיסא:

- נאך -

---

55) מו"ק ה, סע"א. 56) איוב כט, ג. 57) שה"ש מח, ג.

נאך דערויף וואס עס ווערט נתגלה א שפּעטערדיקער קץ, מצד דערויף וואס ס'איז נתגלה געווארן א העכערע דרגא אין אידן – איז דאך "יש בכלל מאתים מנה"[58], אין דעם זיינען דא אויך די ענינים פון אלע פריערדיקע קיצין – איז פארוואס זאגט די גמרא "כלו כל הקיצין", לשון רבים?!

איז דער ביאור בזה: ע"ד המבואר[59] בנוגע צו דעם וואס עס שטייט אין משנה[60] אז "מזכירין יציאת מצרים" אויך "לימות המשיח".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק פארוואס וועט מען דאס דעמולט דארפן מזכיר זיין: ימות המשיח איז דאך באי"ע העכער פאר יצי"מ, ביז אין אן אופן אז "יש בכלל מאתים מנה" – איז פארוואס דארף מען מזכיר זיין יצי"מ לימות המשיח?

אמת טאקע אז דאס איז נאר א זכרון בעלמא, מצד דערויף וואס יצי"מ איז געווען א הכנה צו דער גאולה העתידה[61] – אבער דער אריז"ל [וואס זיין יום ההילולא איז געווען נעכטן] זאגט[62] אויפן פסוק[63] "והימים האלה נזכרים ונעשים" – אז יעדער זאך וואס אין איר איז דא א זכרון, "נזכרים", דארף דערנאך אראפקומען אין מעשה בפועל, "ונעשים" –

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס וועט דארפן זיין דער ענין פון "נזכרים ונעשים" אין יצי"מ לימות המשיח, ווען דעמולט וועט מען האבן יצי"מ ווי דאס איז כלול אין ימות המשיח, וויבאלד אז ס'איז "יש בכלל מאתים מנה"?

איז דער תירוץ אויף דעם, אז מ'דארף אויך האבן דעם "מנה" ווי זי שטייט מצ"ע, ניט ווי ער איז נכלל אין דעם "מאתים", און דערפאר וועט מען מזכיר זיין יצי"מ אויך לימות המשיח.

און דער ביאור פארוואס דאס איז טאקע אזוי, איז – אז ס'איז דא א מעלה אין אתכפיא לגבי אתהפכא, וואס דאס איז די מעלה פון יצי"מ לגבי ימות המשיח.

יח. עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "כלו כל הקיצין":

אע"פ אז דער לעצטער קץ איז כולל אין זיך אלע פריערדיקע קיצין, אין אן אופן פון "יש בכלל מאתים מנה" – איז אבער אויך דא א מעלה אין יעדער קץ ווי ער שטייט בפ"ע,

- ניט -

---

58) ב"ק עד, א. 59) ראה ד"ה כי בחפזון וד"ה כימי צאתך תש"ח. 60) ברכות יב, סע"ב. 61) ראה ד"ה כימי צאתך הנ"ל רפי"ב. 62) ראה רמ"ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד (להחיד"א) פכ"ט. 63) אסתר ט, כח.



הנחה הת' בלתי מוגה

ביז ווי ער איז כלול אין א שפעטערדיקן , אין דערנאך קומט צו די מעלה ווען עס ווערט נתגלה א שפעטערדיקער קץ.

און די גמרא איז מודיע אז איצטער איז "כבר כלו כל הקיצין" – אז אלע קיצין, לויט אלע דעות, ביז אויך די קיצין שלאחרי זמן הגמרא, ביז צו דעם קץ פון דעם כ"ק אדמו"ר – זיינען שוין "כלו",

במילא דארף שוין קומען די גאולה, ווארום די כוונה פון דעם גאנצן גלות איז "על מנת" אז עס זאל זיין די גאולה, מ'וויל נאר אז דורכן גלות זאל צוקומען די מעלה פון "אתהפכא חשוכא לנהורא", וואס דאס ווערט ניט סתם דורך דערויף וואס ס'איז דא דער גלות, נאר דורך עבודת האדם בזמן הגלות.

יט. וואס דאס (עבודת האדם בזמן הגלות) איז אויך פארבונדן מיט דעם שבת, שבת חזון, וואס אין דעם ענין פון שבת חזון איז דא א דבר נפלא:

עס ברענגט זיך בשם פון ר' לוי יצחק בארדיטשעווער[64]

[וואס ער האט געטאן אין אהבת ישראל, כולל אויך אין אהבת ישראל צווישן אידן מיט דעם אויבערשטן – ער איז געווען א מליץ יושר, און ער האט ממשיך געווען מלמעלה למטה אין אן אופן פון רחמים,

ביז אז זיין נאמען, ווי אוה"ע פלעגן אים אנרופן (און אזוי היימן יוצאי חלציו), איז געווען "דערבארעמדיקער", ווארום זיי האבן געוואוסט אז ער איז א איד וואס פועל'ט און איז ממשיך רחמים פון דעם אויבערשטן אויף אידן.

וואס דאס באווייזט אז זיין פעולה פון ממשיך זיין רחמים פון דעם אויבערשטן אויף אידן, איז געווען אין אן אופן אז אפילו א גוי בעיני בשר שלו האט דאס געקענט דערזעהן],

אז "שבת חזון" איז מלשון מחזה, אז דעמולט באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד".

כ. דער ביאור אין דער תורה פון ר' לוי יצחק בארדיטשעווער בפרטיות:

דעם "מקדש דלעתיד" וואס מ'באווייזט שבת חזון,

– באווייזט –

------------

64) נעתק ברשימות הצ"צ לאיכה בסופן בהערה (אוה"ת נ"ך כרך ב ע' א'צז).



הנחת הה' בלתי מוגה

באווייזט מען ניט נאר צו ישעי' הנביא, אדער צו שאר הנביאים - נאר אויך "לכאו"א" מישראל.

אמת טאקע אז פריער האט מען דאס באוויזן צו א נביא, בכדי עס זאל זיין דער פתח את הדרך [65] - אבער דערנאך דורך דעם נביא באווייזט מען דאס "לכאו"א".

און דאס באווייזט מען "לכאו"א", ניט דעם ביהמ"ק וואס משיח וועט בויען לע"ל, יבנה ביהמ"ק במקומו, לשון עתיד [אדער (בלשון הרמב"ם [66]) "ובנה מקדש במקומו", וואס אויך "ובנה" איז לשון עתיד] - נאר דעם בית המקדש פון דעם אויבערשטן וואס איז "בנוי ומשוכלל" [67], דער "מקדש אד' כוננו ידיך" [68].

וואס דער ביהמ"ק וואס משיח וועט בויען איז אויך א דרגא נעלית ביותר - כמובן דערפון וואס בכלל וועט משיח זיין דער נבחר מכל מין האנושי [69], און ער איז בחי' יחידה [70], און דערנאך וועלן איך אים צוקומען די אלע עליות פון "הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו", און "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה", און "ילחם מלחמות ה' וינצח", אתכפיא און אתהפכא, ולאחרי כל זה וועט זיין "בנה מקדש במקומו" - איז דאך פארשטאנדיק דער גודל העילוי וואס וועט זיין אין דעם ביהמ"ק שיבנה משיח.

אבער אעפ"כ באווייזט מען "לכאו"א" בשבת חזון ניט דעם ביהמ"ק וואס משיח וועט בויען - נאר דעם ביהמ"ק בנוי פון דעם אויבערשטן, "מקדש אד' כוננו ידיך", וואס דער ביהמ"ק איז באי"ע העכער פאר דעם ביהמ"ק שיבנה משיח.

כא. און דאס באווייזט מען "לכאו"א" דא למטה, מיט דער כוונה, אז דאס זאל אים מעורר זיין אז ער זאל טאן דעם "קב שלו" [71] אין אויפבויען דעם ביהמ"ק,

וואס דעמולט האט מען ביידע מעלות - מ'האט סיי דעם ביהמ"ק בנוי מלמעלה פון דעם אויבערשטן, און אויך עבודהו למטה.

ע"ד ווי דער חיוך צוויסן די מאמרי חז"ל וואס זאגן אז משיח וועט אויפבויען דעם ביהמ"ק מיט די מאמרי חז"ל

- וואס -

-------------

65) ראה סה"מ הדע"ה ע' דפג. הדפ"ה ע' קב. 66) הל' מלכים ספי"א. 67) פרש"י ותוס' - סוכה מא, סע"א. ובכ"מ. 68) בשלח טו, יז. 69) ע"ד לשון הרמב"ם בנוגע למשה (פיהמ"ש סנה' ר[illegible] הלק יסוד השביעי - תרגום קאפח). 70) סה"מ תרצ"ט ע' 207 בשם הרמ"ז. 71) ראה ב"מ לח, א.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס זאגן אז דער ביהמ"ק "יגלה ויבוא משמים (בנוי ומשוכלל)" - וואס לכאורה איז דאס א סתירה -

האט מען גערעדט אמאל[72] בארוכה, אז אין דעם ביהמ"ק דלעתיד וועלן זיין ביידע מעלות - סיי די מעלה אז משיח וועט בויען דעם ביהמ"ק, און סיי די מעלה אז דער ביהמ"ק "יגלה ויבוא משמים".

כב. וואס דאס איז אויך פארבונדן עם המדובר לעיל, אז דער גאנצער גלות איז "על מנת" עס זאל זיין די גאולה, ובעיקר דארף מען דאס מדגיש זיין אין דעם שבת פאר תשעה באב, וויבאלד אז דעמולט איז נאכמער ניכר ירידת הגלוה.

וואס די נקודה איז נאכמער בהדגשה אין דעם ענין וואס אין שבת חזון, דער שבת פאר תשעה באב, באווייזט מען דא למטה אין זמן הגלות "לכאו"א המקדש דלעתיד".

וואס דאס ברענגט ארויס נאך קלערער אז די גאנצע כוונה פון דער ירידה און דעם גלות איז - די גאולה און דער ביהמ"ק וואס וועט דעמולט זיין,

וואס דערפאר באווייזט מען לכאו"א, למטה אין זמן הגלות, ובפרט אין דעם שבת פאר תשעה באב, וואס דעמולט איז דער תכלית ירידת הגלות - דעם "מקדש דלעתיד".

און מ'באווייזט דאס אים מיט דער כוונה, אז דאס זאל אויך אים פועל'ן אין זיין מעשה ועבודה בפועל, כנ"ל.

כג. און אע"פ אז בעיני בשר זעט מען ניט (עכ"פ - כו"כ זעהן ניט) דעם "מקדש דלעתיד" וואס מ'באווייזט לכאו"א בשבת חזון, כידע אינש בנפשי' -

איז אבער (כהסיפור הידוע[73]) צי דען דערפאר וואס די פערד זיינען פערד, זיינען די מלאכים קיין מלאכים ניט?!

צי דען דערפאר וואס זיין נה"ב און זיינע עיני בשר, וואס אויף זיי פועל'ט נפשו הבהמית, זעהן ניט דעם "מקדש דלעתיד" וואס מ'באווייזט אים - זעט עס ניט יחידה שלו?!

און וויבאלד אז ער איז מאמין אז יחידה שלו זעט דאס, פועל'ט עס א התאמתות בידיעה שלו, כאילו אז ער זעט עס אליין בעיני בשר.

כד. והמעשה הוא העיקר:

- ווי -

------------

72) שיחת אור ליום ג', ער"ח מנ"א השל"ו. וראה גם לקו"ש חי"א ע' 98 הע' 61. 73) ראה גם סה"מ תרפ"ה ס"ע רא.

ווי געזאגט פריער, איז דאס וואס מ׳באווייזט בשבת חזון "לכאו"א המקדש דלעתיד" - איז בכדי אז דאס זאל פועל זיין בעבודתו,

אז דורך דערויף וואס ער זעט בשבת חזון דעם ביהמ"ק בנוי, פארשטייט ער, אז דער גאנצער גלות איז "על מנת שיבוא ארי׳ ויבנה אריאל",

במילא פועל׳ט דאס אויף אים אז ער זאל נאכמער מוסיף זיין בעבודתו צו ארויסברענגען בגלוי די כוונה אין דעם גלות - דער "יבוא ארי׳ ויבנה אריאל".

ובפרט אז מ׳באווייזט דאס אים ברגע הראשונה פון שבת חזון - כמובן דערפון וואס גלייך דער רגע הראשונה פון דעם שבת ווערט אנגערופן שבת <u>חזון</u>, ווי מ׳זעט בפשטות: בשעת מ׳פרעגט איינעם גלייך ברגע הראשונה פון דעם שבת, וואס פאר א שבת דאס איז, און מיט וואס טיילט ער זיך אויס פון שאר שבתות השנה - זאגט ער אז דאס איז שבת חזון,

דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויך די נקודה אין שבת <u>חזון</u>, אז מ׳באווייזט "לכאו"א המקדש דלעתיד", איז דא גלייך ברגע הראשונה פון דעם שבת.

ובפרט אז מ׳שטייט שוין איצטער נאך קריאת התורה און קריאת ההפטורה פון פ׳ חזון מיט א ברכה לפני׳ ולאחרי׳, ובפרט אז מ׳שטייט אין דעם זמן פון רעוא דרעוין -

איז דער נתינת כח א סאך א שטארקערער, אז דאס וואס מ׳באווייזט "לכאו"א המקדש דלעתיד" דעם שבת - זאל אראפ-קומען און ווירקן אויף כאו"א אין א מעשה בפועל גלייך אין דעם שבת,

און אויך ווירקן, אז מ׳זאל אנעמען אין דעם שבת החלטות טובות בנוגע למעשה בפועל אין די קומענדיקע טעג.

און בשעת מ׳מאכט א החלטה טובה, איז וויבאלד אז מ׳שטייט שוין נאענט צו דער גאולה - שטעלט דער אויבערשטער גלייך צו א מעשה, "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[74], וואס דעמולט האט מען ביידע מעלות, סיי די מעלה פון מחשבה און סיי די מעלה פון מעשה.

כה. דערביי קומט צו נאך א נקודה:

דער שבת ווערט אנגערופן שבת חזון, על שם די הפטורה פון "<u>חזון</u> ישעיהו", וואס "חזון" איז דער הרגום פון ראי׳.

- וואס -

---

74) קידושין מ, א. וראה סה"מ הש"ב ע׳ 87.

וואס דערפון קומט אויך אויס, אז דאס וואס בשבת חזון באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד", ו .כ דאס ליגט אין דעם וואס דער נאמען פון דעם שבת איז "שבת חזון" מלשון מחזה - איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון ראי' ווי דאס איז אין לשון תרגום - "חזון" מלשון מחזה.

והביאור בזה:

בשעת מ'זאגט אז "חזון" איז דער תרגום פון ראי', איז דאס ניט ח"ו לגריעותא, נאר למעליותא:

דאס באווייזט און ברענגט ארויס דעם עילוי פון אתהפכא אויף אתכפיא, דער עילוי פון "לבנים" אויף "אבנים", כמבואר אין תו"א משפטים[75] עה"פ[76] "ותחת רגליו כמעשה לבנת הספיר וכעצם השמים לטוהר".

ובפרט בנוגע צו א תרגום בלשון ארמי (וואס "חזון" איז דער תרגום פון ראי' בלשון ארמי),

וואס "ארמי" איז דער ענין פון רמאות, אפנארן, ווי עס שטייט אין זהר[77] בנוגע צו יונה הנביא (וואס ער איז פארבונדן מיט יוהכ"פ), אז "יונה" איז מלשון אונאה.

וואס דאס איז דאך דער תוכן פון די גאנצע וועלט - אז ס'איז א "נארעריי", אן אחיזת עינים - דאס וואס ער זעט אין וועלט איז אן אפגענארטע זאך - און אמיתית המציאות פון וועלט איז "על מנה" א צווייטע זאך, ע"ד ווי די גמרא[78] זאגט אז די גאנצע מציאות פון בריאה העולמות איז געווען על מנת אז אידן זאלן מקבל זיין די תורה.

כד. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דער עילוי פון שבת חזון:

ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס מ'געפינט זיך אין גלות בכלל, און בפרט אין דעם שבת פאר תשעה באב, וואס דאס איז די דרגא הכי התחתונה פון "ארמי", פון נארעריי, ווארום די מציאות האמיתית פון דעם גלות איז ניט גלות, נאר "על מנת" עס זאל זיין די גאולה -

איז אין דער דרגא התחתונה גופא, אין "ארמי", ווערט אויפגעטאן אז עס זאל זיין שבת חזון, דער תרגום ארמי פון ראי' - אז מ'באווייזט אים דעם "מקדש דלעתיד",

וואס דאס איז דער הכלית השלימות פון "ותהי להם הלבנה - לאבן" -

------------

75) עז, ג ואילך. עה, רע"ג. 76) משפטים כד, י.
77) ח"ב קצט, א. וראה אוה"ת שה"ש כרך ב ס"ע הקלב ואילך.
78) שבת פח, א.

לאבן"[79], אז פון הרגום, ובפרט פון תרגום ארמי, מאכט מען אן ענין פון קדושה, ביז אן ענין וואס מ'באווייזט "לכאו"א המקדש דלעהיד".

אין עבודת האדם:

די ראי' פון דעם "מקדש דלעתיד" וואס איז דא בא כאו"א בשבת חזון - דארף פועל'ן אויף אים ניט נאר אין זיין עבודה אין תומ"צ און אין תפלה וכו', וואס דאס זיינען ענינים בבחי' "לשון הקודש" -

נאר עס דארף פועל'ן אויף אים אויך אין זיינע עניני העולם, אין זיין אכו"ש ושאר עניניו - אז אויך זיי ווערן דורכגענומען מיט ראיית "המקדש דלעתיד".

כז. און דורך דערויף וואס יעדערער נעמט דעם נתינת כח פון דעם וואס מ'באווייזט אים דעם "מקדש דלעתיד", און ער ברענגט עס אראפ בעבודתו נאך אין די לעצטע טעג פון גלות - היילט עס נאכמער צו אז עס זאל נתגלה ווערן דער "על מנת" פון דעם גלות - די גאולה שלימה.

ווארום איצטער איז דאך שוין זיכער "קלו כל הקיצין" לשון רבים, ביז אז עס איז שוין אויך נאך דעם קץ פון תש"ג,

ובפרט אז ס'איז שוין "ויהי בשלשים שנה"[80], "בן שלשים לכח"[81], וואס מ'טוט מעשינו ועבודהנו כרצון ובשליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר,

און ס'איז אויך מאה שנה להולדת כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס דעמולט איז די עבודה אין אן אופן ווי מ'זאגט אין דעם קאפיטל קא פון תהלים (נאך דעם קאפיטל ק - "מזמור לתודה") - "אשירה לך ה' אזמרה", אז מ'האט ביידע מעלות, די מעלה פון "אשירה" און די מעלה פון "אזמרה", וואס שיר איז בפה און זמר איז בכלי, וואס די ביידע ענינים זיינען געווען אין ביהמ"ק[82] -

איז א זיכערע זאך אז מ'האלט שוין בא דעם העכסטן "רכוש גדול" וואס קען צוקומען דורך דעם גלות.

און ווייבאלד אז ס'איז "כלו כל הקיצין", איז אפילו אויב ס'איז ניט "אחישנה" נאר "בעתה" - איז שוין דער "בעתה" אויך זיכער דא.

- וואס -

------------

79) ל' הכתוב - נח יא, ג. וראה תו"א שם עח, ג.
80) יחזקאל א. א. וראה קצוה"ע לתניא ע' עו. לקו"ש ח"ב ע' 591 ואילך. ה"ד ע' 132 ואילך. 81) אבות ספ"ה. 82) ראה רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ג ה"ג. ועוד.

וואס דערפאר איז שוין איצטער זיכער די צייט אז דער ביהמ"ק וואס מ'באווייזט לכאו"א בשבת זה - זאל נתגלה ווערן בפועל, אז עס זאל זיין דער "ויבנה אריאל", ווי ער איז מסיים אין ילקוט,

כח. אויף דעם וואס דער ילקוט זאגט "ויבנה אריאל" ברענגט ער די ראי' פון פסוק "בונה ירושלים ה'":

ד.ה. אז ניט נאר ער וועט אויפבויען דעם קודש הקדשים, און ניט נאר ער וועט אויפבויען דעם כללות ביהמ"ק - נאר "בונה ירושלים ה'", ער וועט אויפבויען אויך ירושלים, וואס אויך ירושלים ווערט נכלל אין "(ויבנה) אריאל",

וכמבואר אין פוסקים[83] אז קדושת ירושלים איז נאר צוליב קדושת המקדש, איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז בכדי עס זאל זיין שלימות אין מקדש, דארף אויך זיין "בונה ירושלים ה'".

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט אז ירושלים איז דער ענין פון "שלימות היראה"[84], וואס דער עיקר הענין פון שלימות היראה איז דאך געווען אין ביהמ"ק[85], און אין ביהמ"ק גופא אין קדה"ק, וואס דארטן געפינט זיך דער ארון, און די שני לוחות הבריה, וואס דער ארון איז דער "עיקר ההפץ" אין מקדש, כמבואר אין רמב"ן[86] -

און פון דער שלימות היראה אין קדה"ק קומט אן שלימות היראה אין ביהמ"ק בכלל, און פון דארטן קומט עס אן אין עיר ירושלים בכלל (כנ"ל אז קדושת ירושלים איז צוליב קדושת המקדש), אז די איז "שלימות היראה",

און פון ירושלים קומט עס אן אין גאנץ ארץ ישראל, ווארום "עתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל"[87], און פון ארץ ישראל צו דער גאנצער וועלט, ווארום "עתידה א"י שתתפשט בכל הארצות"[87].

וואס דערפאר איז דער "ויבנה אריאל" כולל אין זיך ניט נאר קדה"ק, און דעם ביהמ"ק בכלל - נאר אויך ירושלים,

און דערפאר ברענגט דער ילקוט דעם פסוק "בונה ירושלים ה'".

כט. און דער ילקוט איז זיך ניט מסתפק מיט ברענגען נאר ההתחלת הכתוב, "בונה ירושלים ה'", נאר ער ברענגט אויך דעם סיום הכתוב - "נדחי ישראל יכנס",

- וואס -

---

83) הור"ה מאי - זבחים ס, ב. 84) לקו"ת ר"ה ס, ב. וש"נ. 85) ראה תוד"ה כי מציון - ב"ב כא, א. 86) ר"פ תרומה. 87) ראה יל"ש ישעי' רמז תקג.

וואס לכאורה איז דאס איבעריק: די ראי׳ אויף "ויבנה אריאל" איז דאך נאר פון התחלת הכתוב, "בונה ירושלים ה׳", ניט פון סיום הכתוב, "נדחי ישראל יכנס"?

וואס דערפון גופא וואס דער ילקוט ברענגט אויך סיום הכתוב, איז פארשטאנדיק, אז אויך "נדחי ישראל יכנס" ווערט נכלל אין "ויבנה אריאל", ד.ה. אז דער שלימות פון "נדחי ישראל יכנס" וועט זיין דוקא ווען עס וועט זיין "בונה ירושלים ה׳", "ויבנה אריאל".

וע"ד ווי דער רמב"ם זאגט אויך "ובנה מקדש במקומו" צוזאמען מיט "וקבץ נדחי ישראל", וואס דאס באווייזט אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך, און אז דער שלימות פון "וקבץ נדחי ישראל" וועט זיין דוקא ווען עס וועט זיין דער "ובנה מקדש במקומו", ועד"ז פארקערט, אז דער שלימות פון "ובנה מקדש במקומו" וועט זיין דוקא ווען עס וועט זיין אויך דער "וקבץ נדחי ישראל".

און דער טעם לזה איז פארשטאנדיק פון דעם וואס עס שטייט אין ירושלמי מסכת חגיגה[88], אז ירושלים איז אן "עיר שחוברה לה יחדיו"[89], די עיר וואס איז מחבר אלע אידן צוזאמען, ובמילא איז פארשטאנדיק אז דער שלימות פון "בונה ירושלים ה׳" מיט דער שלימות פון "נדחי ישראל יכנס" זיינען תלוי זה בזה.

ל. און דער "נדחי ישראל יכנס" ווערט אויפגעטאן דוקא בשעה ס׳איז "בונה ירושלים ה׳", ד.ה. אז דורך וואס וועט זיין "נדחי ישראל יכנס" - דורך "ה׳". והביאור בזה:

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא פרק לב אז דער ענין פון אהבת ישראל קומט מצד דערויף וואס "כולן מתאימות ואב א׳ לכולנה", און "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן באלקים חיים",

און דערפאר דארף אויך זיין (ווי ער זאגט דערנאך) "אוהב את הבריות ומקרבן לתורה"[90], אז אפילו אזעלכע אידן וואס "נקראים בשם בריות בעלמא", וויבאלד אז זיי האבן ניט קיין צווייטע מעלה חוץ פון דעם וואס זיי זיינען בריות פון דעם אויבערשטן - איז אויך צו זיי דארף זיין אהבת ישראל, מצד דער מעלה וואס זיי זיינען בריוה של הקב"ה.

ווי די גמרא[91] דערציילט אז דער "אדם אחד שהי׳ מכוער

- ביותר" -

---

88) פ"ג ה"ו. 89) ל׳ הכתוב - תהלים קכב, ג. 90) אבות פ"א מי"ב. 91) תענית כ, ריש ע"ב.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

ביותר" האט געזאגט צו ר' אלעזר "לך ואמור לאומן שעשאני" - ד.ה. אז ער זאל אין אים זעהן דעם "אומן" וואס האט אים באשאפן[92].

וואס דאס איז דער ענין פון "(בונה ירושלים) ה'" וואס מצד דעם איז דא דער "נדחי ישראל יכנס" - דער בורא און "אב א' לכולנה" וואס איז דא אין יעדן אידן, וואס מצד זה דארף זיין צו יעדן אידן אהבת ישראל, "נדחי ישראל יכנס".

לא. וואס דערפון האט מען אויך די הוראה בנוגע צו דער עבודה וואס דארף זיין איצטער נאך אין זמן הגלות, בכדי צו אויפטאן דעם "בונה ירושלים ה' נדחי ישראל יכנס" -

אז מ'דארף טאן אין אהבת ישראל, אין מקבץ זיין אלע אידן אין איין "כנס", כולל אויך "נדחי ישראל", אידן וואס געפינען זיך "בקצה השמים" - אז אויך "משם אקבצך"[93].

און פון "מבצע אהבת ישראל" קומט מען צו די איבעריקע פון די עשרה מבצעים, וואס יעדער ענין אין וועלט שטעלט זיך אוים אין דער שלימות פון עשרה, ווי ער זאגט אין פרדס[94], און עד"ז איז אויך בנוגע צו די עשרה מבצעים:

"מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה",

און אויך דער ענין צו מבטל זיין אלע בלבולים פון "מיהו יהודי", און פון די וואס ווילן שטערן צו דער שלימות פון ארץ ישראל, און ווילן אנדירן אין ארץ ישראל לגבולותי', פאר גאנץ עם ישראל - ווי ער רעכנט אוים בהתחלת פרשתנו די גבולות פון ארץ ישראל.

ביז אז עס ווערט דער "נדחי ישראל יכנס", דער "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[95],

וואדום ס'איז שוין "כלו כל הקיצין", און מ'האלט שוין נאך דעם "בעתה", מ'דארף נאר, בלשון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[96], צופוצן די לעצטע קנעפלעך פון דעם מונדיר בכדי צו מקבל זיין מלך מלכי המלכים הקב"ה,

ובקרוב ממש ובעגלא דידן, און אין אן אופן פון שמחה

- וטוב -

------------

92) ראה לקו"ש חט"ו ע' 125. שיחת ש"פ בלק ש.ז.
93) נצבים ל, ד. 94) שער ב. 95) ישעי' כז, יב.
96) בשיחת שמה"ת הרפ"ט (הנחה).

וטוב לבב, וואס שמחה איז פורץ גדר[97], ביז צו "שמחה עולם על ראשם"[98], אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה לגמרי.

* * *

לב. האמור לעיל איז בנוגע צו שבת חזון בכל שנה ושנה.

וואס אין דעם קומט צו נאך אן ענין (וואס איז דורש ביאור בפ"ע):

שבת חזון, דער שבת פאר תשעה באב, איז "מיני' מתברכין כולהו יומין" פון שבוע הבאה, וואס דאס איז כולל סיי דעם טאג פון תשעה באב, און סיי די טעג נאך תשעה באב, וואס זיי זיינען טעג פון נחמה, ווי מ'הויבט שוין אן זאגן צו מנחה בתשעה באב "מנחם ציון ובונה ירושלים".

וואס דאס איז אזוי בשבת חזון בכל שנה ושנה — ווארום תשעה באב קומט אלעמאל אויס באמצע השבוע:

תשעה באב קען ניט אויסקומען ביום הששי בשבוע, כידוע דער סימן פון א"ת, אז "ביום א' של פסח יחול לעולם תשעה באב"[99], און וויבאלד אז "לא בד"ו פסח" (ווי דער אלטער רבי ברענגט אויך אראפ אין שו"ע שלו[100]), דער ערשטער טאג פסח קען ניט אויספאלן ביום ו', במילא קען אויך תשעה באב ניט זיין ביום ו'.

קומט דאך אויס אז אין דער שבוע שחל בו תשעה באב זיינען אלעמאל דא ימות החול נאך תשעה באב, עכ"פ איין יום דחול,

[ווארום אפילו ווען תשעה באב איז חל ביום החמישי בשבוע, איז דא נאך איין טאג בשבוע נאך דעם, יום הששי].

וואס דאס איז טאקע א יום דחול — ער איז אבער פארט פארבונדן אויך מיט דעם ענין פון נחמה, "מנחם ציון ובונה ירושלים".

וואס עפ"ז קומט אויס, אז שבת חזון איז מברך סיי תשעה באב און סיי א יום פון נחמה.

אפילו ווען תשעה באב קומט אויס ביום השבת, איז דעמולט ווערט תשעה באב נדחה ליום ראשון, און דער שבת גופא (שבת תשעה באב) איז שבת חזון, במילא איז די גאנצע וואך א וואך פון נחמה.

— און —

---

97) ראה ד"ה שמח תשמח הרנ"ז ע' 49 ואילך. 98) ישעי' לה, י. נא, יא. 99) הובא בסידור "תורה אור" לפני ברכת החודש. 100) או"ח בה"צ סוס"ח.



הנחה הת' בלתי מוגה

און אדרבה - אפילו תשעה באב איז דעמולט כיט א קולא, ובלשון הגמרא[101] "הואיל ונדחה ידחה".

וואס עפ"ז קומט אויס אז בכל שנה ושנה איז שבת הזון מברך סיי דעם טאג פון תשעה באב, און אמאל אויך די טעג פון היפך הנחמה פאר תשעה באב, און סיי די טעג (אדער איין טאג) נאך תשעה באב, וואס זיי זיינען ימי נחמה, "מנחם ציון ובונה ירושלים", און ווי מ'זאגט אין דער היינטיקער הפטורה, "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה".

וואס דערפון האט מען נאך א הוספה אין דער נחמה אין שבת חזון, דער שבת פאר תשעה באב, וואס דעמולט טראכט מען זיך ארײן און מ'איז זיך מהבונן אין דעם טאג פון תשעה באב:

נוסף להאמור לעיל אז בשבת חזון באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד" - זאגט מען, אז דער שבת איז מברך ניט נאר תשעה באב, נאר אויך די ימי הנחמה נאך תשעה באב,

וואס דאס איז נאכמער מדגיש און נאכמער מעודד אז די כוונה פון דער ירידה אין גלות, איז ניט צוליב ירידה ח"ו, נאר צורך און "על מנת" די עלי' וואס וועט דערנאך זיין.

לג. האמור לעיל איז בנוגע צו שבת חזון בכל שנה ושנה (כנ"ל);

כמדובר כמ"פ, איז אויך דא א לימוד והוראה וואס מ'קען ארויסנעמען פון דער קביעות מיוחדת בכל שנה ושנה.

וויבאלד אז "ביום א' של פסח יחול לעולם ה"ב", און "לא בד"ו פסח", כנ"ל - בלייבן איבער פיר טעג בשבוע ווען תשעה באב קען אויסקומען.

בקביעות שנה זו קומט תשעה באב אויס ביום השלישי בשבוע.

און לפ"ז קומט אויס די קביעות פון שבת חזון, דער שבת פאר תשעה באב בימי החודש - אין ו' מנחם-אב.

און ע"פ המדובר כמ"פ, אז נוסף לזה וואס דער שבת איז א יום בפ"ע - איז ער (אחר חצות) אויך פארבונדן מיט דעם טאג שלאחריו,

ווי דאס איז מודגש בשעת דער טאג נאך שבת איז א טאג וואס אין אים זאגט מען ניט קיין תחנון, וואס דעמולט זאגט מען ניט קיין "צדקתך צדק" צו מנחה ביום השבת[102].

- וואס -

------------

101) מגילה ה, ב. 102) שו"ע אדה"ז או"ח סו"ס רצב. מג"א שם סק"ג.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו שאר השבתות, אז זיי האבן א שייכות מיט דעם טאג שלאחריהם,

קומט אוים אז שבת חזון בקביעות שנה זו איז פארבונדן מיט ז' מנחם-אב.

און במילא דארף מען בשבת זה ארויסנעמען א הוראה אויך פון די מאורעות מיוחדות וואס האבן געטראפן בז' מנחם-אב (כדלקמן), נוסף צו דער הוראה וואס מ'נעמט ארוים פון שבת חזון בכל השנים,

ווארום ע"ד ווי מ'זאגט[103] אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'", ער"ז איז אויך בנוגע צו שבת חזון בכל שנה ושנה, אז די קביעות מיוחדת פון שבת חזון בכל שנה ושנה איז "עביד עבידתי'", במילא איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער הוראה וואס מ'דארף דערפון ארויסנעמען.

לד. בנוגע צו ז' מנחם-אב זאגט די גמרא[104], אז דעמולט איז "נכנסו נכרים להיכל ואכלו ושתו[105] וקלקלו בו".

וואס דאס איז געווען נאך א ירידה צווישן די אלע ירידות וואס זיינען געווען פארבונדן מיט דעם חורבן:

אין חורבן ביהמ"ק זיינען געווען כמה דרגות: בעשרה בטבה האט נבוכדנאצר געמאכט דעם מצור ארום ירושלים[106], בשבעה עשר בתמוז איז "הובקעה העיר"[107], און דערנאך בז' מנחם-אב איז "נכנסו נכרים להיכל ואכלו ושתו וקלקלו בו".

וואס מצד די ירידה נוספת זיינען דא בהלכה כמה חומרות נוספות וואס דארפן זיין אין דער הנהגה בימים אלו[108].

לה. דערפון האט מען גלייך די כללות'דיקע הוראה בשבת זה, א טאג פאר ז' מנחם-אב - אז מ'דארף זיך מתבונן זיין אין די מאורעות וואס האבן געטראפן אין די קומענדיקע טעג,

און וויבאלד אז בז' מנחם-אב קומט צו א נייע ירידה - פארשטייט מען אז די ירידה איז נאר צורך עלי', ובמילא איז אזוי ווי די ירידה איז א נידעריקערע ווי די ירידה וואס איז געווען לפנ"ז, אזוי איז אויך די עלי' וואס קומט צו דורך דער ירידה - נאך א העכערע.

- במילא - .

---

103) זח"ג צד, ב. 104) תענית כט, א. 105) כ"ה בע"י כאן. יל"ש מלכים רמז רנא. ועוד - ראה דק"ס לתעניה שם. 106) מ"ב כה, א-ב. ירמי' נב, ד-ה. יחזקאל כד, ב. ד"ה יח, ב. רמב"ם הל' תעניות פ"ה ה"ב. 107) תענית כו, סע"א ואילך במשנה. גמרא שם כח, ב. 108) ראה מג"א או"ח סתקנ"ד סק"ט. שע"ה סתקנ"א סקכ"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

בכילא פועל'ט עס אויך אויף עבודהי, אז ער זאל אין דער צייט נאכמער מוסיף זיין אין תומ"צ, [illegible] און אויפ-ברענגען בגלוי די עלי' וואס ליגט בפנימ[illegible] דער ירידה.

וואס דאס איז דאך די גאנצע כוונה פון ירידת הגלות, אז עס זאל צוקומען מערער עבודה פון א אידן אין תומ"צ און דורך דערויף זאל ער צוקומען צו א העכערע דרגא ווי די דרגא אין וועלכע ער איז געווען איידער ער האט יורד געווען אין גלות,

און לולא זאת וואלט דער אויבערשטער קיינמאל ניט צוגעלאזן אז עס זאל זיין דער גלות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק גודל האחריות וואס ליגט אויף יעדער איינעם - וואָרום די גאנצע כוונה פון ירידת הגלות איז, אז דורך עבודת האדם אין גלות זאל דערנאך זיין אן עלי' נעלית יותר איידער ס'איז געווען די ירידה, און לולא זאת וואלט ניט געווען קיין גלות, כנ"ל בארוכה,

און דא האט דער איד צוגעלאזט אז עס זאל זיין א גלות - ווי די גמרא[109] זאגט, אז "כל דור שאינו נבנה (ביהמ"ק) בימיו מעלין עליו כאילו הוא החריבו", און ער טוט ניט אז עס זאל זיין די עלי' פון דעם גלות, וואס דאס איז די כוונה פון דעם גאנצן גלות!

וואס דערפון קומט אויס אז אויב ער טוט ניט אז עס זאל זיין די עלי' פון דעם גלות, פעלט אים ניט נאר א מצוה אדער א שליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - נאר עס פעלט די גאנצע גאולה וואס דארף ארויסקומען פון דעם גלות!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק גודל האחריות וואס עס ליגט אויף יעדער איינעם צו ארויסברענגען בגלוי די עלי' וואס איז דא בפנימיות אין ירידת הגלות.

לו. די הודאה פרטית וואס מ'דארף ארויסנעמען פון ז' מנחם-אב, וואס דעמולט איז "נכנסו נכרים להיכל ואכלו ושתו וקלקלו", איז - אז מ'דארף טאן דעם היפך דערפון אין קדושה.

וואס בפשטות איז דאס דער ענין פון כשרות האכילה ושתי', היפך פון "אכלו ושתו" פון די נכרים בהיכל, און דער ענין פון טהרת המשפחה - היפך פון "קלקלו".

און די ענינים אין קדושה דארף מען שוין אנהויבן טאן אין דעם שבת פאר ז' מנחם-אב, וואס ער איז ערב ז' מנחם-אב,

- וואס -

------------

109) ירושלמי יומא פ"א ה"א (ד, ב).

וואס דעמולט (בשבה) איז דער כשרות האכו"ש אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון נרות שבת קודש.

ד.ה. בפשטות אז אין אלע בתי ישראל זאל זיין דער ענין פון נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה,

ביז אז דורך דערויף טוט מען אויף אז פון אלע בתי ישראל לשון רבים, זאל ווערן איין בית ישראל, לשון יחיד.

וואס דאס איז דער ענין פון אויפבויען דעם ביהמ"ק הרוחני אין זמן הגלות, וואס דער ביהמ"ק איז געווען איין ביה פאר גאנץ כלל ישראל:

פריער זיינען געווען במות יחיד און במות רבים, אבער דאס האט ניט כולל געווען גאנץ כלל ישראל; דערנאך ווען דער ביהמ"ק איז אויפגעבוים געווארן איז דאס געווארן דער בית עולמים, דער "בית לדורי הדורות", דער אייביקער און שטענדיקער און איינציקער בית פאר כלל ישראל צו מקריב זיין זייערע קרבנות, ווי דער רמב"ם [110] זאגט.

און אפילו דערנאך ווען דער ביהמ"ק איז חרוב געווארן, זיינען חרוב געווארן נאר די עצים און אבנים פון דעם ביהמ"ק [111] - אבער ברוחניות איז דער ביהמ"ק דא פונקט אזוי ווי ער איז געווען פאר דעם וואס ער איז חרוב געווארן.

און ברוחניות בויט מען אויף דעם ביהמ"ק הרוחני (היפך פון "נכנסו נכרים להיכל") אין זמן הגלות - דורך דערויף וואס עס זיינען דא די דריי ענינים פון כשרות האכו"ש, טהרת המשפחה, און נרות שבת קודש:

נרות שבת קודש איז דער עניק פון "נר מצוה ותורה אור" [112], און וויבאלד אז דאס באלייכט - פועל'ט דאס בא דעם מענטשן אז ביי אים זאל זיין "עין רואה והלב חומד" [113], און דער "לב חומד" פועל'ט אז ביי אים זאל זיין הרהורים במוח - דארף ער דאס באווארענען דורך דעם וואס ביי אים איז דא דער שעבוד הלב והמוח - דורך הפילין [114].

און דערנאך דארף ער ארויסגיין טאן אין חלקו בעולם, אז עס זאל זיין "קורות ביתו של אדם מעידים בו" [115], וואס דאס איז דורך דערויף וואס ער איז ממשיך בביתו דעם אויבערשטן, עס זאל זיין דער היפך פון "אם ה' לא ישמר עיר" [116] - דער

- ענין -

---

110) הל' ביהב"ח פ"א ה"ג. 111) ראה מדרש תהלים עה"פ עט, א. איכ"ר פ"ד, יד. 112) משלי ו, כג. פרש"י ד"ה בנים - שבה כג. ב. 113) פרש"י עה"פ בשלח טו, לט. 114) ראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ה ס"ה (סי"א). 115) תענית יא, א. 116) ל' הכתוב - תהלים קכז, א.

עניין פון מזוזה[117], וואס אויף איר שטייט מבחוץ דער שם "ש-ד-י" - ר"ת "שומר דלתות ישראל"[118], און "שומר דירת ישראל"[119].

און ער טוט דאס אויף ניט נאר בביתו, נאר אויך דערנאך ווען ער גייט ארויס אין וועלט מאכט ער פון אלע זיינע עניינים אין וועלט אז זיי זאלן זיין "אושפזיכן לגבורה" - דער עניין פון צדקה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[120].

און וויבאלד אז ער האט ממשיך געווען די אלע עניינים בביתו - ווערט זיין בית א בית מלא ספרים - דער שלחן בביתו איז א שלחן וואס האלט אויף זיך ספרים, א "שלחן אשר לפני ה'"[121], ועד"ז בנוגע צו די אנדערע רהיטים בביתו.

לז. דערנאך קומט צו די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס בקביעות שנה זו איז תשעה באב ביום השלישי בשבוע:

דער עניין פון יום השלישי איז - אז "הוכפל בו כי טוב", און ווי רש"י[122] איז מסביר, אז ביום השלישי זיינען נתתקן געווארן די עניינים וואס זיינען ניט געווען טוב ביום השני, און דערפאר איז דעמולט "כפל בו כי טוב שני פעמים אחת לגמר מלאכת השני ואחת לגמר מלאכת היום".

וואס עד"ז האט מען די הוראה און נתינת כח בהשעה באב, בשעת ער פאלט אויס ביום השלישי בשבוע - צו מתקן זיין די ירידה אין גלות, וואס כל ענינו און כוונתו פון דעם גלות איז - "על מנת" עס זאל זיין די גאולה,

און דורך דערויף אויפטאן, אז השעה באב זאל נהפך ווערן צו א יום טוב, ביז צו א יום וואס "הוכפל בו כי טוב", מערער ווי א יום טוב מיט איין מאל טוב, נאר א יום טוב מיט צוויי מאל טוב.

לח. ווי טוט מען אויף דעם "הוכפל בו כי טוב" אין תשעה באב - איז דאס דורך דערויף וואס בעבודת האדם איז דא דער "הוכפל בו כי טוב" - "טוב לשמים וטוב לבריות"[123].

וואס דאס איז בפשטות דער עניין פון אהבת ישראל ("טוב - לבריות") -

---

117) ראה זח"ג רסג, ב. רסו, א. רמ"א יו"ד סרפ"ה ס"ב.
118) סידור האריז"ל כוונת מזוזה. מ"ח מס' מזוזה פ"ג מ"ט.
119) כל בו הל' מזוזה. הובא בד"מ יו"ד סרפ"ח. 120) פל"ד (מג, ב). 121) יחזקאל מא, כב. 122) עה"פ בראשית א, ז.
123) ראה קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד.

לבריות") און דער ענין פון חינוך ("טוב לשמים"), ביז אז זיי ווערן איין זאך ("טוב לשמים וטוב לבריות"), אז ער האט אהבת ישראל דורך דערויף וואס ער איז זיך אליין מחנך, ובמילא קומט ער דורך דערויף צו גיין מחנך זיין א זולת.

ועד"ז איז אין חינוך גופא דא ביידע ענינים פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות":

דער מחנך איז אזוי ווי "שמים" און דער מחונך איז אזוי ווי "בריות". און דער מחנך, "שמים", דארף זיך איבער-געבן און צוטראגן צו דעם מחונך, "בריות", אז עס זאל זיין "טוב לבריות"; ועד"ז דער מחונך, "בריות", דארף זיך ציען און איבערגעבן צו דעם מחנך, "שמים", אז עס זאל זיין "טוב לשמים", וואס דעמולט האט מען די שלימות פון "טוב לשמים וטוב לבריות" צוזאמען.

און דער מחונך זאגט צו דעם מחנך "לך ואמור לאומן שעשאני", אז ער זאל אין אים זעהן דעם ניצוץ אלקי, וואס דער ניצוץ אלקי איז אויך בדוגמת "שמים" (ווי גערעדט פריער (ס"ל)),

און וויבאלד אז יעדער איינער האט אין זיך דעם "אומן שעשאני", דעם ניצוץ אלקי ("שמים") - איז א דבר ברור אז יעדער איינער קען טאן אין חינוך צו מגלה זיין דעם ניצוץ בא יענעם.

לס. און דורך די עבודה, צוזאמען מיט דער עבודה האמורה לעיל פארבונדן מיט אויפבויען דעם ביהמ"ק הרוחני נאך אין זמן הגלות -

טוט מען אויף אז בקרוב ממש זאל נתגלה ווערן דער מקדש בנוי למעלה פון דעם אויבערשטן, "מקדש אד' כוננו ידיך", אין דעם מקדש דלמטה וואס משיח וועט בויען "במקומו",

בעגלא דידן ובמהרה בימינו ממש.

* * *

מ. דערנאך קומט צו די הוראה מיוחדה דערפון וואס שנה זו איז א שנה מיוחדת - א שנה השביעית, "שבת לה'"[124].

וואס דערמיט טיילט זיך אוים שבת חזון בשנה זו פון שבת חזון בשאר כל השנים - און דערפאר דארף אין דערויף זיין א הוראה נוספה בקשר מיט שבת חזון.

דער ענין פון א שנה השביעית, "שבת לה'", איז ע"ד ווי

- דער -

---

124) בהר כה, ב-ד.

דער ענין פון שבת כפשוטו - דער ענין העונג, "וקראת לשבת עונג"[125],

אז שבת שטייט מען העכער פאר דעם גאנצן ענין הגלות, ווארום מ'שטייט דעמולט אין א מצב פון עונג, און גלות מיט עונג זיינען הפכים, און ווי גערעדט בארוכה אין דער פריערדיקער ההוועדות[126] ווי דער ענין פון שבת ועד"ז שנה השביעית, איז העכער פאר גלות.

מא. וואס דעם ענין (אז שבת איז העכער פאר גלות) האט מען אויך געזעהן בפשטות אין דער הנהגה פון אידן אין די קליינע שטעטלעך:

ווען ס'איז געקומען שבת אין די קליינע שטעטלעך, איז כאטש אז מ'האט זיך געפונען אין דרא דעקבתא דמשיחא, און בכל השבוע האט מען מורא געהאט פאר דעם גוי, און אויך ביום השבת איז געווען דער זעלבער פאליצאנט ווי בכל השבוע - איז אבער ביי אלע אידן דעמולט געווען אן אנדער הרגש ווי אין די ימי השבוע, א הרגש אז מ'שטייט העכער פאר דעם גאנצן ענין הגלות.

ביז אז אפילו פשוט'ע אידן אין די שטעטלעך, וואס האבן ניט געוואוסט ענינים פון רזי תורה, ועאכו"כ ניט פון רזין דרזין דתורה, און אפילו אין נגלה זיינען זיי אויך געווען שוואך, ובמילא האבן זיי ניט געוואוסט פון דעם גאנצן ענין פון די עליות ביום השבת - אעפ"כ, אז ס'איז געקומען שבת איז בא זיי די הנהגה און דער הרגש געווען אנדערש ווי אין די ימי השבוע,

און ביום השבת האט מען אנגעטאן אנדערע לבושים, וואס לפי ערכם זיינען די לבושים געווען לבושי מלכות, און מ'איז געגאנגען מיט א קומה זקופה און ניט נתפעל געווארן פון דעם גלות ארום זיך, און ס'איז געווען ניכר אין דער הליכה און דער הנהגה אז דער טאג איז א שבת טאג, וואס דעמולט שטייט מען העכער פאר גלות.

אין "מי שברך" האט מען טאקע געזאגט א ברכה פאר דעם מלך מצד מוראה של מלכות[127] - אבער דער הרגש איז געווען אז מ'שטייט העכער פאר דעם גאנצן ענין הגלות.

ביז אז אויך רובם פון די וואס פלעגן זיך וואלגערן בכל השבוע, ווארום זיי האבן געארבעט במקום אחר, וואס בא

- זיי -

------------

125) ישעי' נח, יג. 126) שיחת ש"פ מטו"מ, מבה"ח מנחם-אב סכ"ה ואילך. 127) ראה אבות פ"ג מ"ב.

זיי איז געווען א גלות בתוך גלות - פלעגן זיי אויך אהיים קומען אויף שבת.

וואס אין דער הנהגה אין די שטעטלעך האט מען געזעהן בפשטות ווי שבת איז העכער פאר גלות,

וכידוע צו די וואס געדענקען נאך ווי ס'איז געווען אין די שטעטלעך מעבר לים.

מב. און דער טעם אויף דעם וואס שבת איז העכער פאר גלות, איז ווי געזאגט פריער - דערפאר וואס שבת איז ענינו עונג, וואס עונג איז שולל ענין הגלות.

און די נקודה אז שבת איז ענינו עונג, איז אזא ענין עיקרי בשבת, אז אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע הלכות שבת איז גלייך בההחלה, פאר דעם וואס ער רעדט אפילו וועגן ערב שבת - רעדט ער וועגן עונג שבת [און דערנאך [128] רעדט ער וועגן נרות שבת וכו'].

און דער ענין פון עונג שבת וועגן וועלכע ער רעדט דארטן, איז ניט וועגן עונג פון ענינים רוחניים, נאר בעיקר וועגן עונג פון ענינים גשמיים, אכילה ושתי' וכיו"ב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס דער עונג פון שבת פועל'ט אז מ'זאל שטיין העכער פאר גלות - איז דאס א פעולה אין גלות כפשוטו, אין עוה"ז הגשמי, ווארום דער עונג פון שבת איז אן עונג וואס פועל'ט אין ענינים גשמיים.

מג. די נקודה אז שבת איז העכער פאר ענין הגלוה, איז אויך מודגש אין דעם צווייטן ענין אין שבת - דאס וואס ביום השבת איז "כל מלאכתו עשוי'"[129]:

"כל מלאכתו עשוי'" איז דאך כולל אויך מלאכת התשובה, אז דאס דארף מען אויך ניט טאן ביום השבת, דערפאר וואס אין שבת איז די תשובה "עשוי'".

ובמילא איז פארשטאנדיק, אז ביום השבה איז אויך מושלל דער ענין הגלות, וויבאלד אז די ענינים פון השובה וואס מ'דארף טאן צוליב דעם גלות זיינען "עשוי'" פון זיך אליין.

און ווי מ'זעט אויך אז אין הפלת שבה ווערט ניט דערמאנט דער ענין הגלוה, און שבה זאגט מען אויך ניט קיין וידוי ותחנון, וויבאלד אז דארטן דערמאנט זיך דער ענין פון המאים.

- און -

---

128) ברס"א ואילך. 129) מכילהא (הובא בפרש"י) עה"פ יהרו כ, ט. טושו"ע (ואדה"ז) או"ה סש"ו ס"ח (סכ"א).

און אע"פ אז ביום טוב זאגט מען "מפני חטאינו גלינו מארצנו" - איז דאס אבער נאר אין תפלה פון מוסף (ביום טוב), ווארום בשבת ויו"ט איז אינגאנצן מושלל דער ענין הגלות, און כאמור לעיל - דאס איז מושלל אין עוה"ז הגשמי,

ס'איז מערניט וואס מצד דעם ענין הבחירה - זעט מען עס ניט אן בגלוי אין וועלט, ע"ד ווי כו"כ ענינים; אבער אעפ"כ איז דאס ניכר אין א געוויסע מאס אויך אין עוה"ז הגשמי (ווי מ'האט עס געזעהן במוחש אין די שטעטלעך, כנ"ל).

מד. וואס ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דעם טאג פון שבת בכל שבוע ושבוע - עד"ז איז אויך בנוגע צו שנה השביעית, וואס כל שנה זו, כולל אויך די ימות החול פון שנה זו, איז אזוי ווי שבת - "שבת לה'".

דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער גאנצער יאר פון א שנה השביעית איז ענינו עונג, און במילא שטייט מען דעמולט העכער פאר דעם ענין הגלות.

וואס דאס איז ניט נאר אין ארץ ישראל, וואס דארטן איז מען מקיים שמיטת קדקעות כפשוטו[130] - נאר אויך אין חו"ל, וואס אויך אין חו"ל איז דא שמיטת כספים[131], ביז אז שוין "בסוף (שנה) הששית לפני ר"ה של שביעית" דארף מען (אויך) מאכן א פרוזבול, ווי דער אלטער רבי שרייבט בשלחנו[132].

דערנאך קומט צו אז אין דער שנה השביעית גופא איז דא א יום השבת, וואס ס'איז פארשטאנדיק אז דעמולט איז דא נאכ-מערער די ענינים פון שבת, ווארום דאס איז א שבת אין א (יאר פון) שבת,

ובמילא איז דעמולט אויך דא נאכמערער דער ענין וואס מ'שטייט העכער פאר גלות.

מה. דערפון האט מען די הוראה אויך בנוגע צו שבת חזון דשנה זו:

ווי גערעדט פריער איז שבת חזון דער שבת פאר תשעה באב, וואס דעמולט איז די ירידה הכי תחתונה אין גלות.

בשעת שבת חזון קומט אויס אין א שנה השביעית האט מען א תוספות עידוד און נתינת כח אויף צו שולל זיין דעם ענין הגלות - ווארום דעמולט האט מען סיי דאס וואס דער גאנצער

- יאר -

------------

130) ירושלמי שביעית רפ"ו. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"ד הכ"ה. 131) רמב"ם שם פ"ט ה"ג. טושו"ע חו"מ ר"ס סז. שו"ע אדה"ז הל' הלואה סל"ד. 132) שם סל"ו.



הנחה הת' בלתי מוגה

יאר איז א שנה השביעית, א יאר פון תענוג וואס איז שולל דעם ענין הגלות, און נאכמער - אין דעם שבת-יאר גופא שטייט מען אין א טאג פון שבת, במילא שטייט מען נאך העכער פאר דעם ענין הגלות.

און ס'איז ניט דער פשט אז דאס איז נאר אן עידוד און נתינת כח וואס קומט מלמעלה, דאס איז אבער ניט קיין געשמאקע זאך פאר דעם מענטשן - נאר דאס איז א געשמאקע זאך אויך פאר דעם מענטשן, ווארום עס קען דאך ניט זיין דער ענין פון "נהמא דכסופא"[133], עס מוז אויך זיין עבודת האדם.

און אע"פ אז עבודת האדם איז לכאורה ניט שייך זאגן, ווארום די גאנצע זאך פון שנת השביעית איז ניט תלוי ברצוננו - אפילו אויב ער וויל האט ער ניט בכח צו משנה זיין די מציאות אז שנה זו איז א שנה השביעית, ובפרט אז ער וויל ניט -

אעפ"כ דארף אויך זיין די עבודה בקב שלו, און דאס טוט אויף נאכמער עילוי אין די המשכות פון שנה השביעית.

מו. וע"ד ווי רז"ל[134] זאגן בנוגע צו יום השבת, אז "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", ד.ה. דורך עבודת האדם אין די טעג פאר שבת טוען זיך אויף די המשכות ביום השבת ("יאכל בשבת"), און ס'איז פארשטאנדיק אז וואס בערער ס'איז דא דער "טרח בערב שבת" טוט עס אויף מערער אין דעם "יאכל בשבת".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו שנה השביעית מיט די ששה שנים שלפני', וואס דאס איז ע"ד ווי שבת מיט די ששה ימים שלפניו - אז דורך עבודת האדם אין די ששה שנים ווערט דערנאך נמשך די ברכה והמשכה אין שנה השביעית.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים:

בשעת די תורה ברענגט די שאלה[135] "וכי תאמרו מה נאכל בשנה השביעית גו'", האט די תורה געקענט ענטפערן אז דער אויבערשטער זאגט "וצויתי את ברכתי" אויף שנה השביעית און מערניט -

זעט מען אבער אז ער זאגט[136] "וצויתי את ברכתי לכם <u>בשנה הששית</u> ועשת את התבואה לשלש השנים",

ד.ה. אז אויב א איד שטעלט זיך אוועק בשנה הששית און איז מחליט אז ער וועט היטן שמיטה אין דער שנה השביעית -

- איז -

---

133) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, ריש ע"ד.
134) ע"ז ג, א. 135) בהר כה, כ. 136) שם, כא.



הנחת הת' בלתי מוגה

איז דעמזלט וועט די ברכה פון דעם אויבערשטן קומען ניט סתם אזוי מלמעלה, אן קיין שום עבודת האדם, ע"ד ווי דער מן איז געקומען "מן השמים"[137], ניט דורך עבודת האדם למטה -

נאר "וצויתי את ברכתי לכם" אין די עבודה וואס וועט זיין "בשנה הששית", און דעמולט וועט זיין "ועשת את התבואה לשלש השנים" - די ברכה וועט פועל'ן אז די עבודה זאל זיין בהצלחה רבה און מ'זאל האבן תבואה אין שנה השביעית און אויך דערנאך אין שנה השמינית, וואס "בתלת זימני הוי חזקה"[138].

מז. וכמבואר אין טעמי המצות להאריז"ל[139], בנוגע צו שבת און שנה השביעית, אז בעיקר איז עבודת האדם אין די ששת ימות החול, און אין די ששה שנים, וואס דעמולט איז "ע"י תפלתינו ומעשינו בעוה"ז" איז מען מברר די ז' מלכין דתהו,

[א מאמר המוסגר: מ'דארף פארשטיין פארוואס דער אלטער רבי אין תניא[140] איז משנה פון דעם לשון האריז"ל "תפלתינו ומעשינו", און זאגט "מעשינו ועבודתנו"?],

און דערנאך איז די עבודה בימות החול עולה ביום השבת, ועד"ז איז די עבודה אין די ששה שנים עולה בשנה השביעית.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז שנה השביעית איז פארבונדן אויך מיט עבודת האדם.

ביז ווי דער אריז"ל איז דאדטן דערנאך מבאר אז אויך בשנה השביעית (ועד"ז ביום השבת) איז דא עבודה האדם, דער ענין פון תפלה און מצות, כמבואר שם הענין בזה.

מח. וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם וואס שבת חזון איז אין א שנת השביעית - אז דער ענין פון שטיין העכער פאר גלות בשנה השביעית ביום השבת, איז אויך פארבונדן מיט עבודת האדם, במילא איז דאס אויך א געשמאקע זאך, כנ"ל (סמ"ה).

און דורך מעשינו ועבודתנו במשך שיתא אלפי שני דהוה עלמא, ובפרט אין זמן הגלות, ובמיוחד אין דרא דעקבתא דמשיחא - טוט מען אויף דעם "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית ועשת את התבואה לשלש השנים",

וואס די ברכה ווערט נמשך ניט נאר אין שנה השביעית, אין דעם "כנור של מקדש" וואס איז געווען "של שבעת נימין"[141] - נאר אויך אין דער שנה השמינית, אין דעם כנור "של ימות

- המשיח" -

---

137) בשלח טז, ד. 138) ב"מ קו, ב. 139) פ' בהר. 140) רפל"ז. 141) ערכין יג, ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

המשיח" וואס וועט זייך של שמונה נימין, "למנצח על השמינית"[142], וואס דאס איז א הכנה צו דעם "עלי עשור"[143], דער כנור "של עולם הבא" וואס וועט זיין של עשרה נימין[144].

מט. און כאמור, דאס ווערט אויפגעטאן ע"י מעשינו ועבודתנו אין זמן הגלות, וואס די גאנצע כוונה פון דעם גלות איז "על מנת" עס זאל זיין "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" (כנ"ל בארוכה), וואס וויסנדיק דאס - פועל'ט דאס אז מ'זאל טאן די עבודה מיט נאכמער התרחבות והתפשטות, וויבאלד אז מ'טוט עס מתוך תענוג ושמחה.

וע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו אלע דברי תוכחה, ווי אין אונזער פרשה, "אלה הדברים אשר דבר משה גו'", "שהן דברי תוכחות"[145] - אז דער פנימיות פון תוכחה איז ברכות און טוב און גאולה,

ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת בחוקותי[146] די דברי תוכחה למעליותא, ביז אויך דעם פסוק אין די תוכחה (פון פ' תבוא[147]) "הגר אשר בקרבך יעלה עליך מעלה מעלה ואתה תרד מטה מטה"[148].

און ווי עס ליגט אויך אין די "דברי תוכחות" פון "אלה הדברים", וואס זיי זיינען "אלה הדברים אשר דבר משה", וואס משה איז דער "גואל ראשון" און דער "גואל אחרון"[149],

ובפרט אז מ'שטייט איצטער אין דעם זמן פון רעוא דרעוין, וואס דעמולט איז געווען הסתלקות משה און אויך הסתלקות יוסף און דוד, וואס דערפאר זאגט מען צו מנחה בשבת די דריי פסוקים "צדקתך"[150], וואס ער איז "גואל ראשון",

און דערפון קומט מען צו סעודת מלוה מלכא (במוצאי שבת), וואס זי איז "סעודתא דדוד מלכא משיחא"[151], דער "גואל אחרון".

נ. וואס דאס האט אויך א קשר מיט "איכה ישבה בדד וגו'", וואס דער צ"צ איז מבאר (אין זיינע רשימות אויף איכה[152]) די

- פסוקים -

------------

142) תהלים יב, א. ערכין שם. 143) תהלים צב, ד.
144) ערכין שם. וראה לקו"ת הזריע כא, ד ואילך. סידור קפט, סע"א ואילך. ובכ"מ. 145) ספרי ופרש"י ריש פרשתנו.
146) מז, סע"א ואילך. 147) כח, מג. 148) לקו"ת שם מט, א.
149) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זה"א רנג, א. שה"ש פ' ויחי. הו"א ר"פ משפטים. 150) טו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ב ס"ה.
151) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב). פע"ח סוף שער השבת.
152) נדפסו באוה"ת נ"ך כרך ב ע' א'לד ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

פסוקים פון איכה למעליותא, וואס דאס איז מיוסד אויף דעם וואס עס שטייט אין לקו"ת שם, אז בפנימיות זיינען די דברי הוכחה ברכות.

אויף "איכה" ברענגט ער[153] פון מדרש[154] אז דאס איז פארבונדן מיט דעם פסוק אין ריש פרשתנו[155], פ' "אלה הדברים אשר דבר משה" ("שהן דברי תוכחות" כנ"ל), "איכה אשא לבדי".

און ער איז אויך מבאר[156], אז "איכה" איז בגימטריא ל"ו, בגימטריא "אלה", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "אלה הדברים" (שבפרשתנו), און "איכה" איז אויך פארבונדן מיט דער גימטריא פון כ"ו ("איכה" אן דעם יו"ד), וואס דאס איז אויך די גימטריא פון שם הוי'.

און ער איז אויך מבאר[157] (המשך הכתוב) "ישבה בדד", און ער ברענגט דארט אראפ פון גמרא[158] אז דאס איז פארבונדן מיט דעם פסוק אין סוף חומש "אלה הדברים"[159] - "וישכון ישראל בטח בדד עין יעקב".

און דערנאך[160] איז ער אויך מבאר דעם צווייטן פסוק, "בכה תבכה", אז דאס איז כנגד ספירת הבינה וכו'. ועד"ז איז ער אויך מבאר שאר הפסוקים.

נא. ויה"ר אז פון "אלה הדברים אשר דבר משה", וואס "גואל ראשון הוא גואל אחרון" - זאל קומען משיח צדקנו, און ער זאל אויפטאן דעם היפך פון "ויצא מבת ציון כל הדרה"[161], און דערנאך "יבנה מקדש במקומו ויקבץ נדחי ישראל"[162],

ביז "והיתה לה' המלוכה"[163], ובקרוב ממש.

* * *

נב. מאמר (כעין שיחה) ד"ה ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה.

* * *

נג. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש דש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו.

וואס אע"פ אז בפרשתנו אויפן ארט איז ניט געדרוקט

- קיין - .

------------

153) שם ע' א'מד. 154) איכ"ר פתיחתא יא בסופה.
155) א, יב. 156) שם ע' א'מט. 157) שם ע' א'מב.
158) סנהדרין קד, סע"א. 159) ברכה לג, כח. 160) שם ע' א'נ ואילך. 161) איכה א, ו. וראה איכ"ר פ"א, לב-לג.
162) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 163) עובדי' א, כא.



הנחה הת' בלתי מוגה

קיין זהר - איז אבער אין אונזערע זהר'ס שוין אנגעצייכנט בשם פון קדמונים, אז דער זהר פון פרשתנו איז געדרוקט אין פ' בלק[164].

[וואס דאס גופא איז צריך ביאור: פארוואס האט מען געלייגט דעם זהר וואס איז שייך צו פ' דברים אין פ' בלק, און מ'דארף קוקן אין קדמונים צו וויסן אז דער זהר פון פ' דברים געפינט זיך אין פ' בלק - ווען מ'האט געקענט לכתחלה לייגן דעם זהר במקומו אין פ' דברים?! ביז אז אפילו קיין איין מאמר געפינט מען ניט במקומו אין פ' דברים.

אויך: דער זהר אין פ' בלק (וואס עס ווערט אנגעצייכנט אז ער באלאנגט אין פ' דברים) האט לכאורה קיין שייכות ניט מיט פ' דברים; דארט רעדט זיך וועגן ברכות און וועגן ק"ש - וואס זיי האבן גאר א שייכות צו פ' ואתחנן ניט צו פ' דברים?]

און ס'איז אויך רגיל צו אפלערנען א משנה פון דעם פרק וואס מ'לערנט דעם שבת, לויט די "יש נוהגין" צו לערנען פרק אויך "בכל שבתות הקיץ", וואס היינטיקן שבת לערנט מען פרק ג'.

און אויך אן עניין אין הלכות בית הבחירה להרמב"ם, ווי געערדט אין די ימים שלפנ"ז, און אין די שנים שלפנ"ז.

נד. אין פרשתנו איז דא א פרש"י וואס איז מלא קושיות מתחלתו ועד סופו, און וואס איז נאכמער ניט פארשטאנדיק, אז קיינע מפרשים שטעלן זיך ניט אויף דעם, און אפילו די מפרשים וואס שטעלן זיך יע אויף דער רש"י, שטעלן זיי זיך נאר אויף עטליכע דיוקים, און ניט אויף אלץ, און אפילו די דיוקים אויף וועלכע זיי שטעלן זיך זיינען זיי ניט אזוי גוט מבאר.

אין קאפיטל א פסוק ו שטייט "רב לכם שבת בהר הזה". שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "רב לכם שבה", און זאגט: "כפשוטו, ויש מ"א, הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה, עשיתם משכן מנורה וכלים, קבלתם תורה, מניתם לכם סנהדרין שרי אלפים ושרי מאות".

דארף מען פארשטיין: פארוואס דארף רש"י זאגן צוויי פירושים, "כפשוטו", און "ויש מ"א כו'"?

אלעמאל איז דער פירוש, אז רש"י זאגט צוויי פירושים, בשעה איינער פון זיי איז ניט אזוי פארשטאנדיק - אבער דא

- זאגט -

---

164) קפו, א ואילך.

זאגט דאך רש"י אז דער ערשטער פירוש איז "כפשוטו", איז פארוואס ברענגט ער א צווייטן פירוש פון מדרש - בשעת ער האט א פירוש ע"פ פשטות הכתובים?

עס זיינען דא מפרשים[165] וואס זאגן, אז דער טעם אויף דעם וואס רש"י ברענגט א צווייטן פירוש איז: לויט דעם ערשטן פירוש, אז "רב לכם שבת" מיינט "כפשוטו", האט געדארפט שטיין אין פסוק (ניט "רב לכם שבת", נאר) "די לכם שבת", וואס דאס איז דער ווארט אויף לה"ק וואס ברענגט ארויס דעם תוכן פון דעם פסוק (ע"פ "פשוטו"), אז ס'איז גענוג אייער זיצן דא, און איצטער דארפט איר גיין ווייטער, "פנו וסעו לכם גו'"[166] - ווי עס שטייט[167] "והריקותי לכם ברכה עד בלי די", און אויך ווי עס שטייט פריער אין פרשתנו[168] "ודי זהב", ווי רש"י טייטשט אפ, אז דאס מיינט "רוב זהב"?

און דערפאר ברענגט רש"י א צווייטן פירוש, אז "רב לכם שבת" מיינט "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה כו'".

נה. אויך דארף מען פארשטיין:

א) מתן תורה איז דאך געווען פאר עשית המשכן - איז פארוואס זאגט רש"י פריער "עשיתם משכן מנורה וכלים", און ערשט דערנאך "קבלתם תורה"[169]?

בנוגע צו "מניתם לכם סנהדרין" איז א שאלה צי דאס איז געווען פאר מ"ת אדער נאך מ"ת - אבער עשית המשכן איז זיכער געווען נאך מ"ת[170] - האט דאך דער סדר געדארפט זיין "קבלתם תורה, מניתם לכם סנהדרין כו' (און ערשט דערנאך) עשיתם משכן כו'"?

ב) רש"י זאגט "עשיתם משכן מנורה וכלים". וויבאלד אז ער זאגט "כלים" - פארוואס רעכנט ער אויך אויס באזונדער די מנורה - די איז דאך איינע פון די כלי המשכן?

ג) רש"י זאגט "מניתם לכם סנהדרין שרי אלפים ושרי מאות". איז ממ"נ: אין פסוק[171] שטייט אויך "שרי חמשים ושרי עשרות" - האט רש"י אדער געדארפט אויסרעכענען אלע פיר סוגים, "שרי אלפים שרי מאות שרי חמשים ושרי עשרות"; אדער זאגן "שרי אלפים וגו'" - אבער ניט אויסרעכענען נאר "שרי אלפים ושרי מאות" און ניט "שרי חמשים ושרי עשרות", און דאס אויך ניט מרמז זיין מיט וגו'?

- ד) דער -

---

165) שפתי חכמים עה"פ. 166) פרשתנו שם, ז.
167) מלאכי ג, י. 168) פסוק א. 169) משכיל לדוד עה"פ.
170) ראה פרש"י ר"פ ויקהל. 171) יתרו יח, כא. וראה גם פרשתנו שם, טו.

ד) דער עיקר פון פרש"י איז לכאורה פארבונדן מיט די ווערטער פון פסוק "בהר הזה" - פארוואס איז רש"י מעתיק פון פסוק נאר די ווערטער "רב לכם שבת", און ניט די ווערטער "בהר הזה"?

נו. רש"י זאגט אז ער נעמט זיין (צווייטן) פירוש פון מדרש.

און מ׳דארף צופיל ניט זוכן וואו דער מדדש איז - ווארום אין ספרי על אתר געפינט מען דעם פירוש.

אז מ׳קוקט דארטן אבער אריין און מ׳פארגלייכט וואס עס שטייט דארטן מיט וואס רש"י זאגט - זעט מען אז רש"י האט געמאכט א חורבן, כביכול, אין ספרי:

אין ספרי שטייט דער גאנצער פירוש אויף די ווערטער "רב לכם שבת בהר הזה", משא"כ רש"י איז מעתיק פון פסוק נאר די ווערטער "רב לכם שבת";

אין ספרי איז דער סדר "קבלתם תורה, מניתם לכם סנהדרין כו׳, עשיתם משכן כו׳" (ווי דער סדר הענינים איז געווען), משא"כ רש"י בייט דעם סדר און שרייבט (פריער) "עשיתם משכן כו׳ (און דערנאך) קבלתם תורה, מניתם לכם סנהדרין כו׳";

אין ספרי דערמאנט ער ניט "מנורה", משא"כ רש"י גיט צו "מנורה";

אין ספרי שטייט "מניתם לכם סנהדרין שרי אלפים שרי מאות שרי המשים ושרי עשרות" (ווי עס שטייט אין פסוק אין יתרו), משא"כ רש"י שרייבט נאר "שרי אלפים ושרי מאות" און איז משמיט "שרי חמשים ושרי עשרות" (און זאגט ניט "וגו׳").

וואס דערפון זעט מען אז וואו נאר רש"י האט געקענט משנה זיין אדער מוסיף זיין אדער משמיט זיין אין לשון הספרי - האט ער דאס געטאן!

וואס דאס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק, ביז אז דאס איז א "קלאץ קשיא" - און אעפ"כ געפינט מען ניט קיינע מפרשים וואס זאלן זיך אויף דערויף שטעלן.

נז. די איינציקע זאך וואס מ׳געפינט אז מפרשים זאלן זיך אויף דערויף יע שטעלן, איז אויף דעם סדר פון רש"י, אז פריער שרייבט ער "עשיתם משכן כו׳" און ערשט דערנאך "קבלתם תורה כו׳", אע"פ אז דער סדר ענינים איז געווען פארקערט:

דער משכיל לדוד שטעלט זיך אויף דערויף, און ער איז מבאר, אז וויבאלד דא רעדט זיך וועגן "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה" - קען רש"י ניט אויסרעכענען פריער

- "קבלתם -



הנחת הת׳ בלתי מוגה

"קבלתם תורה" - ווארום נאך קבלה התורה איז געווען דער חטא העגל, וואס דאס האט מבטל געווען (די גדלות פון) דעם ענין פון מתן תורה,

וואס דערפאר שרייבט רש"י פריער דעם ענין פון "עשיתם משכן כו'" וואס דאס האט מכפר געווען אויפן חטא העגל[172], און ערשט נאך דערויף וואס מ'ווייסט אז ס'איז געווען א כפרה אויפן חטא העגל, דאן קען ער אויך שרייבן "קבלתם תורה" אלס אן ענין פון "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה".

דער ביאור איז אבער ניט פארשטאנדיק:

א) "קבלתם תורה" איז כולל אין זיך אויך נתינה לוחות האחרונות, וואס זיי האט מען געגעבן נאך דעם "סלחתי כדבריך"[173], נאך דער כפרה אויפן חטא העגל, און אויך נתינת לוחות האחרונות איז געווען פאר "עשיתם משכן כו'" - ווערט צוריק די שאלה פארוואס רש"י שרייבט ניט פריער "קבלתם תורה"?

ב) ס'איז א דוחק גדול צו זאגן אז דער חטא העגל האט אינגאנצן מבטל געווען דעם ענין פון מ"ת, און ס'איז אינגאנצן ניט געבליבן קיין רושם פון מ"ת (אפילו איידער נתינת לוחות האחרונות)!

ובפרט אז גלייך נאך דעם חטא העגל האט מען אויסגעה'רג'ט די "שלשת אלפי איש"[174], ביז אז מ'האט אויך גע'משפט אלע סוגים פון אידן וואס האבן חוטא געווען - "עדים והתראה", "עדים ולא התראה", "לא עדים ולא התראה", ווי רש"י זאגט דארטן[175]; משא"כ די איבעריקע אידן האט מען ניט גע'הרג'ט -

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז בא די אידן (וואס מ'האט ניט גע'משפט) איז ניט געווען (אויף אזוי פיל) דער חטא העגל - איז ווי קען מען זאגן אז דער חטא העגל האט מבטל געווען דעם ענין פון מ"ת (בא די אידן)?!

ווערט צוריק די שאלה הנ"ל, פארוואס שרייבט רש"י פריער "עשיתם משכן" און דערנאך "קבלתם תורה"?

נח. נוסף לזה דארף מען אויך פארשטיין:

עס זיינען דאך געווען נאך גרויסע זאכן וואס די אידן האבן באקומען "בהר הזה", וואס זיי קענען לכאורה אויך ארייננגיין אין דעם "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה" - און אעפ"כ רעכנט זיי רש"י ניט אויס.

- לדוגמא -

------------

172) ראה תנחומא תרומה ח. 173) פרש"י עה"פ תשא לג, יא. 174) תשא לב, כח. 175) עה"פ תשא שם, כ.

לדוגמא - דער ענין פון די "דגלים", וואס דאס איז דאך געווען א גרויסער ענין, ביז אז "נתאוו ישראל" צו די דגלים[176] - איז פארוואס רעכנט דאס רש"י ניט צווישן די ענינים פון די "הרבה גדולה לכם כו'"?

אמת טאקע אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט אז "נתאוו ישראל" צו די דגלים - אבער רש"י ווייסט דאך יע דערפון, במילא פארשטייט ער אז דאס גייט אריין אין דעם "הרבה גדולה לכם כו'" - האט ער דאס אויך געדארפט אויסרעכענען.

נט. עד"ז ווערט דערציילט אין פ' ואתחנן[177] די גאר גרויסע זאכן ועילויים וואס דער אויבערשטער האט געטאן פאר אידן בא מ"ת, אז די אידן האבן געהערט "קול אלקים מדבר מתוך האש" וכו',

וואס דאס איז געווען אזא גרויסע זאך, אז דער פסוק זאגט אויף דעם[178] "כי שאל נא לימים ראשונים אשר היו לפניך למן היום אשר ברא אלקים אדם על הארץ ולמקצה השמים ועד קצה השמים הנהי' כדבר הגדול הזה או הנשמע כמוהו", אז "השמע עם קול אלקים מדבר מתוך האש כאשר שמעה אתה ויחי"!

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק, פארוואס דערמאנט עס רש"י אינגאנצן ניט בפירושו בפרשתנו?!

[דערפון וואס עס שטייט דערנאך אין פ' ואתחנן[179] "הנסה אלקים לבוא לקחת לו גוי מקרב גוי וגו'" איז קיין קשיא ניט - ווארום דאס איז געווען בא יצי"מ ניט בא מ"ת ("בהר הזה"); אבער דאס וואס אידן האבן געהערט "קול אלקים מדבר מתוך האש", איז דאך געווען בא מ"ת, "בהר הזה"].

און אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך דערווייל ניט געלערנט פ' ואתחנן - וועט ער עס אבער באלד לערנען, און דעמולט וועט ער אויפהויבן א טומעס - היתכן אז אין פ' ואתחנן ווערט דערמאנט אזא עילוי וואס איז געווען בא מ"ת, אז אידן האבן געהערט "קול אלקים מדבר מתוך האש", ביז אז ס'איז קיינמאל ניט געווען "כדבר הגדול הזה" - און רש"י דערמאנט עס גארניט אין פ' דברים בשעה ער רעדט וועגן "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה"?!

ס. די קשיא ווערט נאך גרעסער:

די ענינים וואס רש"י רעכנט יע אויס אין "הרבה גדולה

- לכם -

-------------

176) שמו"ר פכ"ד, ד. וראה גם בכדב"ר פ"ב, ה. 177) ד, לג ואילך. 178) שם, לב. 179) שם, לד.



הנחה הה' בלתי מוגה

לכם ושכר על ישיבהכם בהר הזה", זיינען ניט אזעלכע גרויסע נפלאות ווי דער ענין וואס אידן האבן געהערט בא מ"ת "קול אלקים מדבר מתוך האש" (ווי דערציילט אין פ' ואתחנן):

דער ענין פון "קבלהם הורה" איז ניט א חידוש וואס האט זיך אויפגעטאן (כ"כ) בא מ"ת ("בהר הזה") פאר אידן - ווארום אויך גוים האבן די שבע מצוות בני נח.

[און אע"פ אז דער רמב"ם זאגט[180] אז די שבע מצוות ב"נ וואס די גוים האבן היינט, איז "מפני שצוה בהן הקב"ה בתורה והודיענו ע"י משה רבינו שבני נח מקודם נצטוו בהן" איז דאס אבער ניט נוגע לענינגו. ונוסף לזה - דאס איז ניט אין פשש"מ; אין פשש"מ זיינען געווען ז' מצווה ב"נ פאר מ"ת, און מ"ת האט אין זיי גארניט מהדש געווען].

עד"ז דער ענין פון "מניחם לכם סנהדרין" איז אויך ניט א חידוש וואס האט זיך אויפגעטאן בא מ"ת ("בהר הזה") פאר אידן - ווארום איינע פון די שבע מצוות ב"נ (וואס זיי זיינען געווען אויך פאר מ"ת, כנ"ל) איז די מצוה פון "דינין"[181], "חייבין להושיב דיינין ושופטים בכל פלך ופלך לדון בשש מצוות אלו כו'"[182], ע"ד ווי דער ענין פון "מניחם לכם סנהדרין", וואס דערפאר האט געקומט די אנשי שכם מיתה, וויבאלד אז זיי האבן ניט גע'משפט שכם'ן פאר זיין פארברעכן[183], ווארום "האומות גדרו עצמן מן העריות"[184].

וואס דערפאר איז עס ניט אזא הידוש אז "בהר הזה" איז "מניחם לכם סנהדרין", ווארום עד"ז איז שוין געווען בא ב"נ פאר מ"ת.

און דער בן חמש למקרא דארף ניט האבן קיינע ראיות אויף דעם, ווארום ער זעט בפשטות אויך בא גוים דער ענין אז זיי מאכן משפטים אין א בית משפט וכו'.

עד"ז דער ענין פון "עשיתם משכן כו'" איז אויך ניט א חידוש וואס האט זיך אויפגעטאן בא מ"ת ("בהר הזה") - ווארום אויך גוים האבן אמונה אין דעם אויבערשטן (אז דער אויבערשטער איז "אלקא דאלקיא"[185]), ווי עס פארשטייט אויך א בן חמש למקרא בפשטות,

ובמילא איז בא זיי אויך דא דער ענין וואס זיי זיינען עובד צו דעם אויבערשטן, ווי דער רמב"ם איז מבאר[186] בנוגע

- צו -

---

180) הל' מלכים ספ"ח. 181) סנהדרין נו, סע"א ואילך. רמב"ם שם דפ"ט. 182) רמב"ם שם ספ"ט. 183) רמב"ם שם. וראה לקו"ש ח"ה ע' 150 ואילך. 184) פרש"י עה"פ. וישלח לד, ז. וראה לקו"ש שם ע' 190. שם ע' 255. 185) מנחות בסופה. 186) ריש הל' ע"ז.

צו דור אנוש, ובמילא האבן זיי אויך מעין דעם ענין פון א בית-הכנסת, וואס דאס איז מעין דעם ענין פון דעם משכן וואס איז געווארן בא אידן "בהר הזה",

איז דאך דער "עשיהם משכן כו'" וואס האט זיך אויפגעטאן בא מ"ת, "בהר הזה", ניט אזא הידוש, ווארום דאס איז אויך דא בא גוים, און אויך פאר מ"ת בא דור אנוש וכיו"ב.

ד.ה. אז אלע דריי ענינים וועלכע רש"י רעכנט אויס אין "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה" - זיינען ניט אזעלכע נפלאות וואס זיינען פארבונדן דוקא מיט "הר הזה", ווארום זיי זיינען אויך דא בא גוים, און זיי זיינען אויך געווען פאר מ"ת;

משא"כ דער ענין (וואס ווערט דערציילט אין פ' ואתחנן) אז בא מ"ת האבן די אידן געהערט "קול אלקים מדבר מתוך האש" - איז געווען א סאך א גרעסערער חידוש ווי די דריי ענינים הנ"ל, ווארום דער ענין איז בכלל ניט געווען בא גוים, ועאכו"כ ניט פאר מ"ת, און ווי דער פסוק זאגט (כנ"ל) "כי שאל נא לימים ראשונים אשר היו לפניך למן היום אשר ברא אדם על הארץ גו' הנהי' כדבר הגדול הזה או הנשמע כמוהו".

וואס לפ"ז איז נאכמער ניט פארשטאנדיק פארוואס דערמאנט ניט רש"י דעם גאנצן ענין בפירושו.

מיט נאך כמה דיוקים אין דעם פרש"י, וכפי שיתבאר לקמן.

סא. אין דעם זהר אויף פרשתנו (וואס איז געדרוקט אין פ' בלק כנ"ל (סנ"ג)), דערציילט ער[187] אז "רבי יצחק ורבי יהודה הוו אזלי באורחא" און זיי האבן געטראפן א "ינוקא", און דער ינוקא האט זיי מגלה געווען סתרי תורה, און דערנאך האבן זיי אים משבח געווען מיט געוואלדיקע שבחים, ביז אז "אזדעזא ר' אלעזר" פון דעם ינוקא[188], ר' אלעזר איז אינגאנצן צוטרייסלט געווארן ווען ער האט געהערט וואס דער ינוקא זאגט.

שטעלט ער זיך אויף דערויף אין די הערוה אויפן זהר[189], און ער איז מבאר אז דער "ינוקא" איז געווען ניט נאר א "ינוקא" לפי ערך ר' יצחק מיט ר' יהודה - נאר ער איז (אויך) געווען א "ינוקא" כפשוטו, "בן ט' ויום א'".

וואס אפילו אן דעם וואס ער זאגט אין דער הערה, איז אויך פארשטאנדיק אז דער ינוקא איז געווען א קטן כפשוטו - דערפון וואס ר' יהודה האט געזאגט צו ר' שמעון, נאך דעם

- וואס -

---

187) זה"ג קפו, א ואילך. 188) שם קפח, רע"א.
189) לקוטי לוי"צ לזה"ג ע' שצה ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס ר' יהודה האט געהערט די גילויים פון דעם ינוקא, "זכאה חולקך זכאה דרא דהא בזכותך אפילו ינוקי דבי רב" זיינען מגלה סודות התורה[190],

וואס אויב מיט "ינוקי דבי רב" האט ר' יהודה געמיינט קינדער נאך בר-מצוה - איז דאך דאס ניט אזא שבח, ווארום נאך בר-מצוה איז מען דאך מחוייב ע"פ תורה אין לימוד התורה.

וואס דערפון איז מוכח אז "ינוקי דבי רב" מיינט קינדער פאר בר-מצוה. ובמילא איז אויך מוכרח צו זאגן אז דער "ינוקא" וועגן וועלכן עס רעדט זיך דא אין זהר איז געווען א קטן פאר בר-מצוה, ווארום צוליב דעם וואס ר' יהודה האט געהערט די סתרי תורה פון דעם ינוקא, האט ער דערנאך געזאגט דעם שבח צו ר' שמעון בנוגע צו אלע "ינוקי דבי רב" פון זיין דור.

און דאס אז ער איז געווען א קטן כפשוטו איז נאכמער מודגש פון דעם וואס עס שטייט אין דער הערה בפירוש.

סב. דערפון האט מען דעם לימוד אויף וויפל מ'דארף זיך משתדל זיין מיט קליינע קינדער, אפילו פאר בר-מצוה, ביז מיט "ינוקי" כפשוטו -

ווארום "אל תבט אל מראהו"[191] - מ'קען ניט וויסן וואס דער קינד קען אויפטאן, אפילו דורך א "מצוה אחת" שלו קען ער מכריע זיין "את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות"[192],

ובפרט אז ער האט א "הבל שאין בו חטא"[193], ועד"ז איז אויך זיין עשי' "אין בו חטא"[194].

וואס דערפאר איז בשעת מ'טוט מיט א קינד - קען מען גארניט וויסן ווער איז מקבל פון וועמען,

און במילא דארף מען וויסן אז בשעת מ'גייט ארויס טאן מיט קינדער, איז דאס ניט (נאר) צוליב טאן דעם קינד א טובה, נאר דאס איז צוליב דעם וואס גייט טאן, אז ער זאל מקבל זיין פון דעם קינד - "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים"[195], וואס אויך "תלמידים" ווערן אנגערופן "בנים"[196],

ווי דערציילט אין דעם זהר בארוכה ווי דער "ינוקא" - איז -

------------

190) זהר שם קפז, א. 191) ל' הכתוב - ש"א טז, ז. 192) רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד. 193) שבת קיט, ב. 194) ראה חדא"ג מהרש"א לשבת שם. 195) מלאכי ג, כד ובפרש"י. 196) ספרי (הובא בפרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז). רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ח.

איז לכתחלה געגאנגען מקבל זיין א ברכה פון ר' יצחק מיט ר' יהודה – און בפועל האבן זיי מקבל געווען פון אים סתרי תורה, וואס האט בא זיי ארויסגעבראכט די גרעסטע התפעלות, און שבחים וכו'.

ויש להאריך בזה – אבער מ'דארף דאך אויך נאך דאוונען מנחה.

סג. אין דעם סיפור וואס דער זהר דערציילט וועגן דעם ינוקא מיט ר' יצחק און ר' יהודה איז דא א זאך וואס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק (וואס דער טאטע איז ניט מבאר אין די הערות, און אויך מפרשי הזהר שטעלן זיך ניט אויף דעם):

דער זהר הויבט אן דערציילן ווי ר' יצחק און ר' יהודה האבן געטראפן דעם ינוקא – אז זיי זיינען געגאנגען אין וועג און זיי זיינען אנגעקומען צו דער שטעטל וואו דער ינוקא האט געוואוינט. בשעת זיין מאמע האט געזעהן ווי זיי גייען, האט זי געזאגט צו איר זון, דער ינוקא, "קריב לגבי אילין גוברין עילאין ותרוות מינייהו ברכאן",

איז וואס האט ער געדארפט טאן מצד כיבוד אם – האט ער געדארפט גיין מקבל זיין פון זיי א ברכה –

דערציילט דער זהר, אז וואס האט ער געטאן בפועל – "קריב לגבייהו (און) עד דלא קריב אהדר לאחורא", און ער האט געזאגט "לא בעינא לקרבא לגבייהו, דהא יומא דא לא קרו ק"ש, והכי אולפי לי כל מאן דלא קרי ק"ש בעונתי' בנדוי הוא כל ההוא יומא"!

דערנאך האבן זיי מסביר געווען דעם ינוקא, אז דאס וואס זיי האבן ניט געלייענט ק"ש יענעם טאג, איז געווען דערפאר וואס זיי האבן זיך יענעם טאג משתדל געווען אין מצות הכנסת חתן וכלה, "ומאן דאהעסק בכצוה פטור מן המצוה",

און דערנאך האט דער ינוקא זיי געזאגט, אז ער האט דאס געוואוסט (אז זיי האבן יענעם טאג ניט געלייענט קיין ק"ש) "בריהא דלבושייכו",

וכמבואר אין הסידורה[197], אז דער טעם אויף דעם וואס "העוסק במצוה פטור מן המצוה"[198] איז, דערפאר וואס אין יעדער מצוה איז רא בעין שאר כל המצווה, און דערפאר אז מ'איז זיך עוסק אין איין מצוה איז מען פטור פון שאר כל המצוות; דאס איז אבער פארט ניט בדוכה ווי בשעת מ'איז

- מקיים -

---

197) הכשך הרס"ו ע' כה. שם ע' רסז. סה"מ הרפ"ח ע' קמג ואילך. 198) סוכה כה, א.

הנחה הה' בלתי מוגה

מקיים בפועל אויך די אנדערע מצוות, וואס דערפאר איז בא ר׳ יצחק און ר׳ יהודה עכ"פ געווען דער "ריהא דלבושייכו", צוליב דעם וואס זיי האבן ניט מקיים געווען מצות ק"ש בפועל[199].

דערנאך דערציילט דער זהר ווייטער, אז "תווהו יהבו, נטלו ידייהו וכריכו ריפהא", בא ר׳ יהודה אבער "הוו ידוי מלוכלכן ונטיל ידוי ובריך",- איז "עד לא נטיל, א"ל (דער ינוקא צו ר׳ יהודה) אי תלמידי דרב שמעי׳ חסידא אתון לא הוה לכו לברכא בידים מזוהמות, ומאן דבריך בידים מזוהמות חייב מיתה"!

און דערנאך האט דער ינוקא געזאגט א תורה בנוגע צו דעם ענין פון נטילת ידים מזוהמות.

סד. וואס דאס איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

"דברי חכמים" זיינען דאך "בנחת נשמעים"[200], און אפילו בשעת עס דארף זיין "הוכח תוכיח"[201] דארף דאס זיין "בינו לבין עצמו"[202] -

ביז ווי קומט עס אז דער ינוקא זאל זיך פירן אין אזא אופן, אז בשעת זיין מוטער האט אים געשיקט צו מקבל זיין א ברכה פון ר׳ יצחק און ר׳ יהודה, איז וואס האט ער געטאן - ער האט אויף יעדער זאך וואס זיי האבן געזאגט ניט געענטפערט אז ער הערט וואס זיי זאגן, און אעפ"כ איז אזוי און אזוי - נאר אויף יעדער זאך האט ער זיי גלייך געענטפערט מיט דער גאנצער שארפקייט?!

און דאס שטעלט מען ארייין אין זהר אלס א חלק פון תורה מלשון הוראה[203] - אז פון דעם סיפור זאל מען ארויסנעמען א הוראה נצחית על כל הדורות?!

וואס אפילו "בגנות בהמה טמאה לא דבר הכתוב"[204], ועאכו"כ אז אין דעם סיפור וואס רעדט וועגן ר׳ יצחק און ר׳ יהודה, וואס צו זיי איז דער ינוקא געגאנגען מקבל זיין א ברכה -

און אעפ"כ האט ער גערעדט מיט זיי מיט שארפקייט, און זיי מוכיח געווען ניט בצנעה, און דאס האט מען אריינגעשטעלט אין זהר אלס א הוראה פאר כאו"א!

- וכפי -

---

199) ראה המשך הנ"ל ס"ע סח ואילך. סה"מ שם ע׳ קמד ואילך. 200) קהלת ט, יז. 201) קדושים יט, יז. 202) שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ה. חו"מ הל׳ אונאה וגניבת דעת ס"ל. וש"נ. 203) זח"ג נג, ב. 204) ב"ב קכג, א. וראה פסחים ג, א.

ובפי שיתבאר לקמן.

סה. דער פרק פון היינטיקן שבת איז - פרק שלישי, שהוכפל בו כי טוב.

און אין דעם פרק גופא איז דא א משנה וואס רעדט וועגן אן ענין פון "שלשה" - וואס דאס איז די משנה[205] וואס ר' שמעון האט געזאגט [וואס סתם ר' שמעון איז - רשב"י[206] (במילא איז דאס אויך פארבונדן מיט דעם זהר וואס מ'האט פריער גערעדט)]:

"רבי שמעון אומר שלשה שאכלו על שלחן אחד ולא אמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו מזבחי מתים, שנאמר[207] כי כל שלחנות מלאו קיא צואה בלי מקום", דערנאך איז די משנה ממשיך (כדי לסיים בדבר טוב) "אבל שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו משלחנו של מקום, שנאמר[208] וידבר אלי זה השלחן אשר לפני ה'".

מפרשים[209] זיינען מסביר פארוואס איז די משנה מדייק דוקא "שלשה שאכלו כו'" - "לפי שסתם שלחן איכא שלשה לזימון", ובפרט אז ער ברענגט די ראי' פון פסוק "זה השלחן גו'", וואס דאס איז נאכמער מדגיש אז עס רעדט זיך וועגן סתם א שלחן.

עד"ז זיינען מפרשים[210] מסביר די ראי' פון פסוק "וידבר אלי זה השלחן אשר לפני ה'" אויף דעם וואס "שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו משלחנו של מקום" -

אז "מיד כשדיבר בדברי תורה.(על השולחן) נקרא שולחן אשר לפני ה'", ווארום "כל הקורא ושונה בתורה הקב"ה יושב כנגדו וקורא ושונה עמו"[211], איז בשעת ער איז "קורא ושונה בתורה" בא דעם שלחן, קומט דער אויבערשטער און איז "יושב כנגדו" בא דעם שלחן און "קורא ושונה עמו", וואס דערפאר ווערט דער שלחן א "שלחן אשר לפני ה'".

מ'דארף אבער פארשטיין: פארוואס איז די משנה מדייק "שלשה שאכלו על שלחן אחד"?

ובפרט אז דעמולט פלעגט יעדער איינער האבן א באזונדער

- שלחן -

---

205) משנה ג. 206) פרש"י ד"ה משמו - שבועות ב, ב. רמב"ם בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה הפרק השני. 207) ישעי' כח, ח. 208) יחזקאל מא, כב. 209) רע"ב - הובא במד"ש לאבות כאן. ובשם בתויו"ט. 210) פרש"י ורע"ב כאן. 211) יל"ש איכה רמז תתרלד. תדבא"ר רפי"ח.



הנחה הה' בלתי מוגה

שלחן ווען מ׳האט געגעסן צוזאמען, כמבואר[212] בנוגע צו דעם וואס עס שטייט[213] בנוגע צו עריכת הסדר אז "עוקרין את השלחן" – אז יעדער איינער האט געהאט זיין אייגענעם שלחן אויף וועלכע ער האט געגעסן, וואס דער שלחן איז געשטאנען בסמיכות צו אים.

וואס עפ"ז איז נאכמער ניט פארשטאנדיק, פארוואס די משנה זאגט "שלשה שאכלו על שלחן אחד"?

סו. דער צ"צ אין זיינע רשימות אויף יחזקאל[214] אויפן פסוק וואס ברענגט זיך אין דער משנה, "המזבח עץ שלש אמות גבוה גו׳ וידבר אלי זה השולחן אשר לפני ה׳" (וואס דאס איז אויך געדרוקט אין דעם קונטרס וואס מ׳האט אדורכגעגעבן וואס איז כולל אין זיך ענינים אין תורה וועגן (בנין) ביהמ"ק), ברענגט די גמרא[215] וואס שטעלט זיך אויך אויף דעם פסוק ("המזבח עץ שלש אמות גבוה גו׳ וידבר אלי זה השלחן אשר לפני ה׳"), און פרעגט, "פתח במזבח וסיים בשלחן",

און די גמרא ענטפערט "כל זמן שביהמ"ק קיים מזבח מכפר על ישראל ועכשיו שלחנו של אדם מכפר עליו", ווי די גמרא זאגט פריער[216] אז "המאריך על שלחנו" איז "מאריכין לו ימיו ושנותיו", "שמתוך כך עניים באין ומתפרנסים", ווי רש"י טייטשט אפ.

דערנאך ברענגט דער צ"צ[217] די שאלה פון מהרש"א[218], אז פון דער גמרא קומט אויס אז דאס וואס "שלחנו של אדם מכפר עליו" איז דאס "ע"י העניים", ד.ה. דורך דערויף וואס ס׳איז דא דער ענין פון הכנסת אורחים, "ואילו באבות (אין אונזער משנה, "שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו משלחנו של מקום, שנאמר וידבר אלי זה השלחן אשר לפני ה׳") משמע שע"י דברי תורה"?

און דער צ"צ פארענטפערט, אז ע"ד ווי אין די קרבנות על גבי המזבח כפשוטו זיינען געווען צוויי ענינים – ס׳איז געווען דער אש מן ההדיוט, וואס מ׳האט אנגעצונדן למטה, און ס׳איז געווען דער אש שיורד מלמעלה[219] –

עד"ז זיינען דא די צוויי ענינים אין "שלחנו של אדם": "ע"י האורחיים עניים" איז "דוגמת מצוה להביא מן ההדיוט", און דער ענין פון אמירת דברי תורה על שלחנו איז ממשיך דעם – אש –

------------

212) רשב"ם פסחים קטו, ב. 213) פסחים שם. 214) נדפסו באוה"ת נ"ך ע׳ תכ ואילך. 215) ברכות נה, רע"א. מנחות צז, א. 216) ברכות נד, סע"ב. 217) שם ע׳ תכג. 218) בחדא"ג למנחות שם. 219) יומא כא, ב. תו"כ (הובא בפדש"י) עה"פ ויקרא א, ז.

אש שיורד מלמעלה, "האש שיורד מלמעלה זהו ע"י תורה מימינו אש דת כו׳".

עפ"ז קומט אויס, אז די צוויי ענינים, זאגן דברי תורה על השלחן, און האבן אורחים באם שלחן, זיינען צוויי באזונדערע ענינים, וואס יעדערער פון זיי קען זיין בפ"ע, ס׳איז מערניט אז בשעת מ׳האט נאר דעם ענין פון אורחים פעלט דער ענין פון תורה, די המשכה פון אש של מעלה, און בשעת מ׳האט נאר דעם ענין פון אמירת דברי תורה, פעלט דער ענין פון אורחים, דער אש מן ההדיוט - אבער יעדער איינער פון זיי איז ממשיך אן ענין בפ"ע.

וואס לויט דעם איז איגגאנצן ניט פארשטאנדיק וואס ער זאגט אין אונזער משנה, אז "שלשה שאכלו על שלחן אחד ולא אמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו מזבחי מתים שנאמר כי כל שלחנות מלאו קיא צואה בלי מקום", דער ענין פון עבודה זרה[220] - ווי קען מען זאגן אז בשעת עס פעלט דער ענין פון דברי תורה על השלחן איז דאס אזוי ווי דער ענין פון ע"ז ת"ו, בשעת ער קען דאך האבן אורחים באם שלחן, וואס אויך דאס איז אן ענין אפילו אן דברי תורה?!

וכפי שיתבאר לקמן.

סז. בנוגע צו א לימוד אין הלכות בית הבחירה - וועט מען זיך שטעלן אויף דעם סיום פון הלכות ביהב"ח, און אויך אויף דער התחלה (בהמשך לזה וואס מ׳האט גערעדט פאריקן שבת[221]).

אין דעם סיום פון הל׳ ביהב"ח רעדט זיך וועגן דעם סדר און אופן השמירה וואס איז געווען אין ביהמ"ק, און ער זאגט דארטן[222] אז באם סוף פון יעדער נאכט זיינען די כהנים ארומגעגאנגען מיט "ושתי אבוקות של אור בידם . . והיו בודקין והולכין את כל העזרה".

און דערנאך[223] איז ער ממשיך (און דערמיט מסיים הלכות ביהב"ח): "כסדר הזה עושין בכל לילה ולילה חוץ מלילי שבת שאין בידם אור, אלא בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת".

פרעגן אויף דערויף מפרשים (דער כסף משנה, משנה למלך ועוד[224]): דער ענין פון ארומגייין מיט אבוקות של אור בידם בשבת, איז נאר אן ענין של שבות, און ס׳איז דאך "אין שבות במקדש" - איז פארוואס זאגט דער רמב"ם אז אין "לילי שבת"

- איז -

------------

220) פרש"י, רע"ב, ועוד, לאבות כאן. 221) שיחת ש"פ מטו"מ סמ"ב. סע"ט ואילך. 222) פ"ח הי"א. 223) הי"ב. 224) וראה גם שיחה ש"פ מטו"מ ה׳תשל"ז סי"ד ואילך.

איז "אין בידם אור אלא בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת"?

דער מעשי למלך[225] [וואס ער איז זיך מאריך אין יעדער הלכה פון הלכות ביהב"ח, און אזוי אויך אין אנדערע הלכות] וויל דאס פארענטפערן און מקשר זיין ביידע וואס ר' שמעון זאגט[226] אז "כל הנרות מטלטלין (בשבת) חוץ מן הנר הדולק בשבת", ווארום "בעוד שהוא דולק אסור שמא יכבה הנר"[227],

און דערפאר זאגט דא דער רמב"ם אז בלילי שבת איז מען ניט ארומגעגאנגען מיט די אבוקות של אור, "שמא יכבה הנר".

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווייל:

א) דער רמב"ם אליין[228] פסק'נט ניט ווי ר' שמעון.

ב) "שמא יכבה הנר" גופא איז אן ענין של שבות, ווארום ס'איז נאר "שמא", א חשש - ווערט צוריק די שאלה אז ס'איז דאך "אין שבות במקדש", איז פארוואס זאגט דער רמב"ם אז בלילי שבת איז "אין בידם אור"?*

סח. אין דער התוועדות פון פאריקן שבת[229], האט מען געפרעגט פארוואס דער רמב"ם[230] ברענגט אויך דעם סיום הכתוב[231], "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי", אלס א ראי' אויף דעם וואס "המזבח מקומו מכוון ביותר"?

און מ'האט מבאר געווען[232], אז דערמיט איז ער מרמז צו דאס וואס עס שטייט אין ילקוט שמעוני[233], אז "כשהפס (דוד) הגורן מיד ארונה היבוסי ומצא גולגלתו של ארונה נתונה תחת המזבח ולא פסל המקום קרבנות ישראל",

וואס דאס ברענגט ארויס חיבתן של ישראל, ווארום דאס וואס "מצא גולגלתו של ארונה נתונה תחת המזבח" און אעפ"כ "לא פסל המקום קרבנות ישראל" - איז דערפאר וואס "קברי עובדי כוכבים אינן מטמאין באוהל", משא"כ אידן זיינען יע מטמא באוהל, מצד מעלתם, ווי רשב"י זאגט[234] אז "אתם קרויין אדם ואין העובדי כוכבים קרויין אדם", און וויבאלד אז עס שטייט[235] "אדם כי ימות באוהל", דערפאר זיינען נאר אידן וואס זיינען "קרויין אדם", מטמא באוהל,

- און -

------------

225) לרמב"ם שם הי"ב (ס"ח). 226) שבת מד, א במשנה. 227) פרש"י שם ד"ה חוץ. 228) הל' שבת פכ"ה ה"י. 229) סמ"ב. 230) הל' ביהב"ח דפ"ב. 231) דה"ב ג, א. 232) שם סע"ט ואילך. 233) שה"ש רמז תתקפו. 234) יבמות סא, רע"א. 235) חקת יט, יד.

------------

*) נתבאר בשיחת ש"פ עקב, כ"ף מנחם-אב.

און דערפאר איז בשעה מ'זאגט אז "מצא גולגלתו של ארונה נתונה תחת המזבח ולא פסל המקום קרבנות ישראל" - ברענגט דאס ארויס און דאס איז מדגיש מעלתן און חיבתן של ישראל.

סט. האט מען אויף דערויף געפרעגט:

פארוואס דארף מען אנקומען צו דעם גאנצן ביאור אויף דעם וואס דער רמב"ם ברענגט אויך סיום הכתוב, "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי" - ווען מ'קען זאגן בפשטות, אז דער רמב"ם ברענגט דאס דערפאר וואס אין התחלת הכתוב שטייט נאר וועגן דעם ביהמ"ק, אבער ניט וועגן דעם מזבח, און וויבאלד אז דער רמב"ם וויל דא ברענגען א ראי' אז "המזבח מקומו מכוון ביותר", איז ניט גענוג צו ברענגען נאר התחלת הכתוב, וואס רעדט נאר וועגן מקום המקדש, נאר ער מוז אויך ברענגען סיום הכתוב, וואס רעדט וועגן מקום המזבח, "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי", וואס דאס איז געווען דער מקום המזבח[236]?

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן מצד כמה טעמים:

א) דער רמב"ם אליין ברענגט שוין פריער[237] דעם פסוק[238] "וזה מזבח לעולה לישראל"[239], ועד"ז ברענגט ער דאס אויך דא אין אונזער הלכה, וואס פון דעם פסוק איז פארשטאנדיק אז "המזבח מקומו מכוון ביותר" ("וזה מזבח לעולה לישראל").

ב) די גאנצע אריכות וועגן דעם מקום המזבח, אז "מקומו מכוון ביותר" - רעדט דער רמב"ם ניט אין דער הלכה, נאר אין דער קומענדיקער הלכה, "ומסורת ביד הכל שהמקום שבנה בו דוד ושלמה המזבח בגורן אדונה הוא המקום כו'".

ג) דאס וואס גורן ארנן היבוסי איז דער מקום המזבח - איז נאר לויט כמה דעות; עס זיינען אבער אויך דא דעות[240] וואס זאגן, אז גורן ארנן היבוסי איז דער מקום פון דעם גאנצן מקדש.

וואס דערפאר (צוליב די אלע טעמים) קען מען ניט זאגן אז דער רמב"ם ברענגט סיום הכתוב, "אשר הכין במקום דויד בגורן ארנן היבוסי", אלס ראי' אז "המזבח מקומו מכוון ביותר" -

ובמילא דארף מען האבן א צווייטן ביאור פארוואס דער רמב"ם ברענגט דאס, וואס דאס איז דער ביאור וואס מ'האט

- דעמולט -

---

236) ראה רד"ק ורלב"ג עה"פ ש"ב כד, כד. רד"ק עה"פ דה"א כא, כה. 237) פ"א ה"ג. 238) דה"א כב, א. 239) ראה לקו"ש פקודי תשל"ד הע' 12. 240) ראה זבחים קטז, ב. ספרי עה"פ נשא ו, כו.



הנחה הת' בלתי מוגה

דעמולט געזעדט.

ע. נאך אן ענין וואס מ'האט גערעדט אין הלכות ביהב"ח[241] – איז געווען בנוגע צו בחירת הקב"ה אין מקום המקדש, וואס מען קען דאס לערנען אויף צוויי אופנים (ווי גערעדט אויך אמאל בארוכה):

א) אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין דעם מקום נאר מצד בחירתו, און דערפאר האט דער מקום באקומען א מעלה; ב) אז דער מקום איז א מקום מסוגל מצד עצמו, און דערפאר האט אויך דער אויבערשטער בוחר געווען אין דעם מקום צו בויען זיין בית המקדש.

דערפון וואס דער רמב"ם רופט אן די ערשטע הלכות וואס רעדן וועגן ביהמ"ק מיטן נאמען "הלכות בית הבחירה", און ניט ווי ער רופט אן די שפעטערדיקע הלכות, "הלכות כלי המקדש" וכיו"ב – איז פארשטאנדיק, אז ער לערנט ווי דער ערשטער אופן, אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין מקום המקדש נאר מצד בחירתו, און דערפאר האט דער מקום א מעלה אויף אנדערע מקומות.

וואס אויף דערויף האט מען געפרעגט[242]: דער רמב"ם אליין זאגט אין הלכות ביהב"ח[243], אז דער מקום המקדש (והמזבח) האט געהאט כמה מעלות פאר דעם וואס דער אויבערשטער האט אין אים בוחר געווען:

"ומסורת ביד הכל שהמקום שבנה בו דוד ושלמה המזבח בגורן ארונה הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח ועקד עליו יצחק, והוא המקום שבנה בו נח כשיצא מן התיבה, והוא המזבח שהקריב עליו קין והבל, ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא".

וואס דערפון קומט אוים לכאורה אז דער רמב"ם האלט (ווי דער צווייטער אופן הנ"ל) אז דער מקום המקדש איז געווען א מקום מסוגל מצ"ע, און דערפאר האט אויך דער אויבערשטער בוחר געווען אין דעם מקום, און ניט ווי דער ערשטער אופן, אז דאס איז א "בית הבחירה"?

האט מען מבאר געווען, אז אדה"ר, קין והבל, נח און אברהם האבן מקריב געווען במקום זה ניט דערפאר וואס דער מקום איז געווען א מקום מסוגל מצ"ע – נאר וויבאלד זיי זיינען געווען נביאים, און זיי האבן געוואוסט אז מיט דער צייט וועט דער אויבערשטער אויסקלייבן דעם ארט אויף בויען דארטן דעם ביהמ"ק און מזבח, האט עס זיי באוואויזן אז אויך זיי זאלן אין דעם ארט מאכן זייער מזבח.

- עא. -

---

241) בשיחת יום ה', ד' מנ"א סי"א ואילך. 242) בשיחה הנ"ל סי"ב. 243) פ"ב ה"ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

עא. מ'דארף נאך אבער פארשטיין:

נאך דעם וואס דער רמב"ם רעכנט אוים די אלע וואס האבן מקריב געווען אין דעם מקום המזבח (דערפאר וואס דער אויבערשטער וועט אין דעם מקום שפעטער בוחר זיין), "הוא המקום שבנה בו אברהם כו' נח כו' קין והבל ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא" - זאגט ער "ומשם נברא (אדה"ר)",

וואס דאס איז שוין (ניט קיין פעולה וואס בני אדם האבן געטאן אין דעם מקום ע"פ ווי זיי האבן געוואוסט בנבואה, נאר) א פעולה וואס דער אויבערשטער האט געטאן אין דעם מקום גשמי.

וואס הן אמת מ'קען זאגן אז דער אויבערשטער האט געטאן א פעולה אין דעם ארט ("ומשם נברא") דערפאר וואס ער האט געזעהן פאראויס אז ער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום (און ניט דערפאר וואס דער מקום איז א מקום מסוגל מצ"ע) -

ס'איז אבער דא א גרויסער חילוק צווישן א פעולה וואס א בן אדם טוט מצד דעם וואס ער ווייסט פאראויס בנבואה וואס וועט זיין שפעטער, לגבי א פעולה וואס דער אויבערשטער טוט מצד דעם וואס ער ווייסט וואס וועט זיין שפעטער:

די פעולה פון דעם בן אדם, וואס קומט מצד דעם וואס ער ווייסט בנבואה אז דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום איז קיין סתירה ניט צו דעם אז דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום;

משא"כ בשעה דער אויבערשטער טוט א פעולה מעשית מצד דעם וואס בידיעתו ווייסט ער וואס וועט זיין שפעטער - איז דאס א סתירה צו דעם אז דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום,

וכידוע בנוגע צו דעם ענין פון ידיעה און בחירה, אז כל זמן וואס ידיעתו של הקב"ה קומט ניט אראפ במעשה בפועל איז דאס ניט מכריח די בחירה, כשא"כ אויב די ידיעה קומט אראפ אין א מעשה בפועל איז דאס מכריח די בחירה.

וואס עפ"ז קומט אוים לכאורה, א סתירה צו דעם וואס מ'האט פריער גערעדט, אז לויט שיטת הרמב"ם האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן דעם מקום מצד בחירהו?

עב. פארענטפערט דער רמב"ם אליין די קשיא - דערמיט וואס גלייך נאך דעם וואס ער זאגט "ומשם נברא" איז ער ממשיך "אמרו חכמים אדם ממקום כפרתו נברא", וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק:

אין דער גאנצער הלכה ברענגט ניט דער רמב"ם קיינע מקורות אויף דעם וואס ער זאגט (אז אדה"ר וכו' האבן

- געבראכט -

הנחת הת' בלתי מוגה

געבראכט די קרבנות במקום זה דוקא) - איי פארוואס וועט עס קומט צו דעם ענין פון "משם נברא" ברעו דער רמב"ם א מקור - "אמרו חכמים אדם ממקום כפרתו נברא"?

ואדרבה: ער זאגט בפירוש בההחלת ההלכה אז די אלע ענינים זיינען "מסורת ביד הכל", אז מ'דארף גאר קיין ראי' ניט האבן אויף דערויף - איז פארוואס וועט עס קומט צו "ומשם נברא" זאגט ער "אמרו חכמים אדם ממקום כפרתו נברא"?!

איז דער ביאור אין דעם - אז מיט "אדם ממקום כפרתו נברא" איז דער רמב"ם ניט אויסן צו ברענגען א מקור אויף "ומשם נברא", נאר דערמיט געבן א טעם און מבאר זיין דאס וואס ער האט גלייך פאר דערויף געזאגט אז "ומשם נברא":

אז דאס וואס "משם נברא", ראם וואס דער אויבערשטער האט באשאפן אדה"ר פון דעם מקום, איז עס ניט דערפאר וואס דער מקום איז א מקום מסוגל, אדער דערפאר וואס דער אויבערשטער האט געוואוסט אז ער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום אויף דארטן בויען דעם ביהמ"ק (ע"ד ווי די פריערדיקע זאכן אין דער הלכה, די קרבנות שהקריבו אדה"ר וכו', וואס איז געווען ווייל דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין במקום זה) -

נאר אז דאס איז דערפאר וואס "אדם ממקום כפרתו נברא": דערפאר וואס דער אויבערשטער האט געוואוסט אז אדה"ר וועט אין דעם מקום א ווײלע שפעטער מקריב זיין א קרבן (וואס וועט אויף אים מכפר זיין), ווי דער רמב"ם זאגט פריער "ובו הקריב אדם הראשון קרבן כשנברא" - דערפאר האט ער אים אויך באשאפן ממקום זה, "ומשם נברא";

אויב אדה"ר וואלט אויסגעקליבן א צווייטן מקום וואו צו מקריב זיין א קרבן - וואלט דער אויבערשטער אים פון דארטן באשאפן; היות אבער אז אדה"ר האט אויסגעקליבן מאיזה טעם שיהי' דעם מקום צו מקריב זיין א קרבן - האט אים דער אויבערשטער באשאפן אין דעם מקום.

ד.ה. אז דער "ומשם נברא" איז א תוצאה פון דעם וואס אדה"ר האט אין דעם מקום שפעטער מקריב געווען א קרבן, און ניט פון דעם וואס דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום אויף דארטן בויען דעם ביהמ"ק.

און דערפאר איז דאס וואס דער אויבערשטער האט געטאן א פעולה אין דעם מקום, ער האט דארטן באשאפן אדה"ר, קיין סתירה ניט צו דעם וואס ער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום אויף דארטן בויען דעם ביהמ"ק.

עכ. מ'דארף נאך אבער פארשטיין:

- פארוואס -



הנחת הת' בלתי מוגה

פארוואס האט דער רמב"ם אנגענומען להלכה (ווי דער חינוך[244]) דעם ערשטן אופן, אז דער ביהמ"ק איז א "בית הבחירה", אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין דעם מקום, וואס דאס איז דאך א גרויסער חידוש, און לפ"ז דארף מען דוחק זיין אז דאס וואס אדה"ר וכו' האבן מקריב געווען זייערע קרבנות אין דעם מקום איז דאס מצד נבואה -

בשעת דער רמב"ם האט געקענט זאגן בפשטות אז דער מקום איז געווען א מקום מסוגל מצ"ע (פון פריער), און דערפאר האט אויך דער אויבערשטער אויסגעקליבן דעם מקום אויף דארטן בויען דעם ביהמ"ק?

וע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו "יומין זכאין", אז "מגלגלין זכות ליום זכאי"[245], אז ווייבאלד דער טאג איז א יום מסוגל וזכאי מצ"ע - דערפאר ציט ער צו זיך צו נאך עניינים זכאין.

עד"ז האט דער רמב"ם געקענט זאגן בנדו"ד, אז ווייבאלד דער מקום איז א מקום מסוגל וזכאי מצ"ע ("הוא המקום שבנה בו אברהם ועקד עליו יצחק וכו'") - דערפאר ציט ער צו זיך צו אז מ'זאל אין אים טאן נאך גוטע זאכן, כולל אויך אז דער אויבערשטער זאל אין דעם מקום בויען דעם ביהמ"ק.

עד. איז דער ביאור בזה:

ווי גרויס די מעלה פון א יום זכאי איז - איז דאס אבער פארט פארבונדן מיט דער הגבלה פון זמן, דאס איז א "יום זכאי".

עד"ז בנוגע צו א מקום זכאי, וואס ער האט א מעלה מיוחדת מצד דערויף וואס אין אים איז געווען עבודת האדם, הקרבת קרבנות וכיו"ב - איז ווי גרויס די מעלה אין דערויף איז, און וויפל דער מקום איז א מקום מסוגל - איז דאס אלץ לפי ערך די הגבלות פון מקום בעולם, און לפ"ע די הגבלות פון דעם אדם, ווייבאלד אז דער מקום האט באקומען זיין מעלה ע"י עבודתו.

וואס דערפאר לייגט זיך ניט צו זאגן אז דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן דעם מקום פאר דעם ביהמ"ק דערפאר וואס ער איז א מקום זכאי, און דערפאר וואס דאָרטן איז געווען הקרבת הקרבנות - ווארום דעמולט וועט אויסקומען אז דער ביהמ"ק וואס איז א "בית לה'"[246] און א "בית לדורי הדורות" -

------------

244) מצוה צה. ראה "מעשי למלך" לרמב"ם כאן.
245) תענית כט, א. 246) רמב"ם הל' ביהב"ח רפ"א.

הדורות" (ווי דער רמב"ם זאגט פריער[247]), איז פארבונדן מיט דער הגבלה פון א מקום מוגבל בעולם, און מיט דער הגבלה פון עבודת האדם, ווייל כאמור, ווי גרויס עס איז די מעלה אין דעם מקום און וויפל דער אדם קען אויפטאן אין דעם מקום - איז דאס אלץ לפי ערך דעם מקום און לפי ערך עבודה האדם, וואס זיי זיינען מוגבלים.

דערפאר זאגט דער רמב"ם אז דער ביהמ"ק איז א "בית הבחירה", אז דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן דעם ארט נאר מצד בחירתו,

וואס דעמולט איז פארשטאנדיק אז דער ביהמ"ק, דער "ביה להי'" וואס איז א "בית לדורי הדורות", איז ניט פארבונדן מיט קיינע הגבלות (פון מקום און פון עבודת האדם) - ווארום דעם מקום המקדש האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן (ניט מצד דעם וואס ער איז א מקום מסוגל און אין אים איז געווען עבודת האדם נאר) מצד בחירתו, וואס בחירת הקב"ה איז אן קיין שום הגבלות.

און דאס, אז בחירת הקב"ה איז בלי הגבלות, דארף דער רמב"ם דא ניט שרייבן בפירוש - ווארום ס'איז ידוע דער כלל פון רמב"ם[248], אז ער פארלאזט זיך אין ספרו יד החזקה אויף א זאך וואס ער האט שוין געשריבן פריער,

און דער רמב"ם האט שוין געשריבן אין הלכות תשובה[249] (בנוגע צו ידיעה און בחירה) וועגן די גרויסקייט און די הפלאה פון ידיעתו של הקב"ה, אז "הוא יתעלה שמו ודעתו אחד (ווי דער רמב"ם שרייבט אויך פריער אין הלכות יסודי התורה[250] אז דער אויבערשטער איז "הוא היודע והוא הידוע והוא הדעה עצמה הכל אחד כו'"), ואין דעתו של אדם יכולה להשיג דבר זה על בוריו כו' אין בנו כח לידע היאך ידע הקב"ה כל הברואים והמעשים" [און דער ראב"ד מאכט אויף דערויף א גאנצן שטורעם].

וואס אויב דאס איז אזוי בנוגע צו ידיעתו של הקב"ה - איז עאכו"כ אז דאס איז אזוי בנוגע צו בחירתו של הקב"ה, אז בחירתו איז אינגאנצן העכער פאר אלע הגבלות העולם, ווארום בחירתו של הקב"ה איז א סאך העכער ווי ידיעתו, כמובן.

און דערפאר ווען עס קומט צו הלכות ביהב"ח - איז גענוג אז דער רמב"ם זאל אנרופן די הלכות "הלכות בית הבחירה", וואס דעמולט פאדשטייט מען שוין, פון דעם וואס ער האט שוין געשריבן אין הלכות תשובה, וואס דער ענין פון (ידיעת, ובמילא) בחירת הקב"ה איז.

- עה. -

---

247) שם ה"ג. 248) יד מלאכי כללי הרמב"ם אות ו.
249) פ"ה ה"ה. 250) פ"ב ה"י.

עה. ע"פ הנ"ל וועט אויסקומען נאך א זאך:

אויב מ׳לערנט (ווי גערעדט פריער אין דעם רמב"ם) אז אדה"ר, קין והבל, נח און אברהם האבן מקריב געווען במקום זה מצד דערויף וואס זיי האבן געוואוסט בנבואה אז דער אויבערשטער וועט שפעטער <u>בוחר</u> זיין אין דעם מקום (און ניט דערפאר וואס דער מקום איז א מקום מסוגל מצ"ע) - איז דעמולט דא א סאך א העכערער עילוי בעבודתם והקרבתם, ווי בשעת מ׳לערנט אז זיי האבן דארטן מקריב געווען דערפאר וואס דער מקום איז געווען א מקום מסוגל מצ"ע -

וואס אויב זיי האבן מקריב געווען אין דעם מקום דערפאר וואס דער מקום איז א מקום מסוגל - איז די עבודה און די הקדבה פארבונדן מיט די הגבלות פון דעם מקום און מיט די הגבלות פון זייער עבודה, כנ"ל;

משא"כ בשעת מ׳זאגט אז זיי האבן מקריב געווען אין דעם מקום דערפאר וואס זיי האבן געוואוסט בנבואה אז דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום, ד.ה. אז פאר דער התגלות הבחירה פון דעם אויבערשטן אין דעם מקום האבן זיי שוין געוואוסט בנבואה אז ער וועט דארטן בוחר זיין, און דערפאר האבן זיי אין דעם מקום מקריב געווען - איז דעמולט די עבודה והקרבה זייערע פארבונדן (ניט מיט א מקום און עבודה מוגבלת, נאר) מיט דער בחירה פון דעם אויבערשטן, וואס איז למעלה פון אלע הגבלות,

וואס דערפאר איז די עבודה אן עבודה נעלית ביותר וואס איז למעלה פון אלע הגבלות.

וואס עפ"ז קומט אויס אז אין עקידת יצחק, ועד"ז אין די אנדערע ענינים וואס דער רמב"ם רעכנט אויס, איז דא אן עילוי גדול ביותר - מער ווי בשעת מ׳לערנט אז דאס איז געווען פארבונדן מיט דעם מקום מצד דעם וואס ער איז א מקום מסוגל מצ"ע, ניט מצד בחירת הקב"ה*.

עו. נאך אן ענין וועלכן מ׳האט ניט מבאר געווען אין א פריערדיקע התוועדות[251], איז - בנוגע צו דעם וואס עס שטייט אין פ׳ בלק[252], אז בשעת בלעם האט איבערגעזאגט צו דעם אויבערשטן וואס בלק האט געזאגט, האט ער משנה געווען פון לשון בלק:

- בלק -

---

251) שיחת ש"פ בלק. 252) כז, ז ואילך.

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ עקב, כ"ף מנחם-אב.

<u>הנחה הת׳ בלתי מוגה</u>

הדורות" (ווי דער רמב"ם זאגט פריער[247]), איז פארבונדן מיט דער הגבלה פון א מקום מוגבל בעולם, און מיט דער הגבלה פון עבודת האדם, ווייל כאמור, ווי גרויס עס איז די מעלה אין דעם מקום און וויפל דער אדם קען אויפטאן אין דעם מקום - איז דאס אלץ לפי ערך דעם מקום און לפי ערך עבודה האדם, וואס זיי זיינען מוגבלים.

דערפאר זאגט דער רמב"ם אז דער ביהמ"ק איז א "בית הבחירה", אז דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן דעם ארט נאר מצד בחירתו,

וואס דעמולט איז פארשטאנדיק אז דער ביהמ"ק, דער "בית לה'" וואס איז א "בית לדורי הדורות", איז ניט פארבונדן מיט קיינע הגבלות (פון מקום און פון עבודת האדם) - ווארום דעם מקום המקדש האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן (ניט מצד דעם וואס ער איז א מקום מסוגל און אין אים איז געווען עבודת האדם נאר) מצד בחירתו, וואס בחירת הקב"ה איז אן קיין שום הגבלות.

און דאס, אז בחירת הקב"ה איז בלי הגבלות, דארף דער רמב"ם דא ניט שרייבן בפירוש - ווארום ס'איז ידוע דער כלל פון רמב"ם[248], אז ער פארלאזט זיך אין ספרו יד החזקה אויף א זאך וואס ער האט שוין געשריבן פריער,

און דער רמב"ם האט שוין געשריבן אין הלכות תשובה[249] (בנוגע צו ידיעה און בחירה) וועגן די גרויסקייט און די הפלאה פון ידיעתו של הקב"ה, אז "הוא יתעלה שמו ודעתו אחד (ווי דער רמב"ם שרייבט אויך פריער אין הלכות יסודי התורה[250] אז דער אויבערשטער איז "הוא היודע והוא הידוע והוא הדעה עצמה הכל אחד כו'"), ואין דעתו של אדם יכולה להשיג דבר זה על בוריו כו' אין בנו כח לידע היאך ידע הקב"ה כל הברואים והמעשים" [און דער ראב"ד מאכט אויף דערויף א גאנצן שטודעם].

וואס אויב דאס איז אזוי בנוגע צו ידיעתו של הקב"ה - איז עאכו"כ אז דאס איז אזוי בנוגע צו <u>בחירתו</u> של הקב"ה, אז בחירתו איז אינגאנצן העכער פאר אלע הגבלות העולם, ווארום בחירתו של הקב"ה איז א סאך העכער ווי ידיעתו, כמובן.

און דערפאר ווען עס קומט צו הלכות ביהב"ח - איז געגוג אז דער רמב"ם זאל אנרופן די הלכות "הלכות בית <u>הבחירה</u>", וואס דעמולט פארשטייט מען שוין, פון דעם וואס ער האט שוין געשריבן אין הלכות תשובה, וואס דעד ענין פון (ידיעת, ובמילא) בחירת הקב"ה איז.

- עה. -

------------

247) שם ה"ג. 248) יד מלאכי כללי הרמב"ם אות ו.
249) פ"ה ה"ה. 250) פ"ב ה"י.

עה. ע"פ הנ"ל וועט אויסקומען נאך א זאך:

אויב מ׳לערנט (ווי געערעדט פריער אין דעם רמב"ם) אז אדה"ר, קין והבל, נח און אברהם האבן מקריב געווען במקום זה מצד דערויף וואס זיי האבן געוואוסט בנבואה אז דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום (און ניט דערפאר וואס דער מקום איז א מקום מסוגל מצ"ע) - איז דעמולט דא א סאך א העכערער עילוי בעבודתם והקרבתם, ווי בשעת מ׳לערנט אז זיי האבן דארטן מקריב געווען דערפאר וואס דער מקום איז געווען א מקום מסוגל מצ"ע -

וואס אויב זיי האבן מקריב געווען אין דעם מקום דערפאר וואס דער מקום איז א מקום מסוגל - איז די עבודה און די הקרבה פארבונדן מיט די הגבלות פון דעם מקום און מיט די הגבלות פון זייער עבודה, כנ"ל;

משא"כ בשעת מ׳זאגט אז זיי האבן מקריב געווען אין דעם מקום דערפאר וואס זיי האבן געוואוסט בנבואה אז דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין אין דעם מקום, ד.ה. אז פאר דער התגלות הבחירה פון דעם אויבערשטן אין דעם מקום האבן זיי שוין געוואוסט בנבואה אז ער וועט דארטן בוחר זיין, און דערפאר האבן זיי אין דעם מקום מקריב געווען - איז דעמולט די עבודה והקרבה זייערע פארבונדן (ניט מיט א מקום און עבודה מוגבלת, נאר) מיט דער בחירה פון דעם אויבערשטן, וואס איז למעלה פון אלע הגבלות,

וואס דערפאר איז די עבודה אן עבודה נעלית ביותר וואס איז למעלה פון אלע הגבלות.

וואס עפ"ז קומט אויס אז אין עקידת יצחק, ועד"ז אין די אנדערע ענינים וואס דער רמב"ם רעכנט אויס, איז דא אן עילוי גדול ביותר - מער ווי בשעת מ׳לערנט אז דאס איז געווען פארבונדן מיט דעם מקום מצד דעם וואס ער איז א מקום מסוגל מצ"ע, ניט מצד בחירת הקב"ה*.

עו. נאך אן ענין וועלכן מ׳האט ניט מבאר געווען אין א פריערדיקע התוועדות[251], איז - בנוגע צו דעם וואס עס שטייט אין פ׳ בלק[252], אז בשעת בלעם האט איבערגעזאגט צו דעם אויבערשטן וואס בלק האט געזאגט, האט ער משנה געווען פון לשון בלק:

- בלק -

---

251) שיחת ש"פ בלק. 252) כז, ז ואילך.

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ עקב, כ"ף מנחם-אב.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

בלק האט געזאגט[253] "ועתה לכה גו'". און בלעם האט כוונה געווען און געזאגט[254] "עתה לכה גו'",

און אע"פ וואס רש"י[255] שטעלט זיך אויף כמה שינויים וואס בלעם האט געמאכט בלשון בלק - שטעלט ער זיך ניט אויף דעם דיוק?

איז דער ביאור בזה:

אין פשש"מ איז ניט בדיוק צי א ווארט שטייט מיט א וא"ו אדער אן א וא"ו, ווי מ'געפינט אין פ' וישלח[256] "ויהי לי שור וחמור צאן ועבד ושפחה", איין ווארט מיט א וא"ו, א צווייטער ווארט אן א וא"ו. און אמאל שטייט א וא"ו יעדער מאל, ווי אין פ' תרומה[257] "זהב וכסף ונחושת", ועוד.

וואס דערפאר שטעלט זיך ניט רש"י אויף דעם אין פ' בלק - ווארום ער פארלאזט זיך אז דער בן חמש למקרא וועט זיך אליין כאפן אויף דעם.

עז. -וויבאלד אז מ'איז שוין מבאר כמה ענינים וואס מ'האט גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות - וועט מען מבאר זיין דאס וואס מ'האט גערעדט פאריקן שבת[258] בנוגע צו תורת הבעש"ט אין שער היחוד והאמונה.

וואס כמדובר כמ"פ וויל מען שפאלטן א האר, און מ'פארגעסט אויף א פשוט'ע שאלה:

ס'איז דאך לכאורה א זיכערע זאך אז די וואס נעמען אן די שיטה פון צמצום כפשוטו, קענען ניט האלטן (ווי תורת הבעש"ט) אז די התהוות איז בכל רגע ורגע מחדש (און זיי קענען אויך ניט האלטן פון שיטת הבעש"ט בנוגע צו השגח"פ),

ווארום צמצום כפשוטו מיינט אז "הקב"ה סילק עצמו ומהותו" (ח"ו) פון עוה"ז (ווי דער אלטער רבי זאגט אין שער היחוד והאמונה[259]) - קען מען דאך ניט זאגן אז דער בורא איז מהווה די בריאה בכל רגע ורגע בשעת ער געפינט זיך דארטן ניט!

און מ'קען ניט זאגן אז די התהוות קומט פון השגחתו ית' און ניט פון עצמות (ע"ד ווי זיי האלטן בנוגע צו דעם צמצום, אז "הקב"ה סילק עצמו ומהותו" פון עוה"ז (ח"ו), און נאר השגחתו געפינט זיך דארטן, כדלקמן), און די התהוות (פון השגחתו ית') איז בכל רגע ורגע, און (נאר) עצמות איז "סילק עצמו ומהותו" פון עוה"ז (ח"ו) -

- ווארום -

------------

253) שם, ו. 254) שם, כא. 255) עה"פ שם, יא.
256) לב, ו. 257) כה, ג. 258) שיחת ש"פ מטו"מ ס"ה.
259) פ"ז (פג, סע"א).



הנחת הת' בלתי מוגה

ווארום ס'איז ידוע וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק סימן כ 260 אז התהוות יש מאין איז נאר בכח העצמות "שמציאותו הוא מעצמותו ואינו עלול מאיזה עילה שקדמה לו ח"ו",

משא"כ אבער השגחתו ית' האט דאך אן עילה וסיבה שקדמה לו - "הוא", עצמות אליין - קען מען דאך ניט זאגן אז די התהוות איז פון השגחתו ית'.

און וויבאלד אז התהוות איז דוקא פון עצמות, און לשיטתם איז "הקב"ה סילק עצמו ומהותו" פון עוה"ז (ח"ו) - איז מוכרח אז לשיטתם איז עצמות ניט מהוה עוה"ז בכל רגע ורגע - וויבאלד אז לשיטתם געפינט ער זיך דארטן ניט.

עח. וואס לפ"ז קומט דאך לכאורה אוים, אז דאס וואס דער אלטער רבי איז שולל אין פ"ז פון שעהיוה"א, אז מ'קען ניט זאגן צמצום כפשוטו - איז די זעלבע זאך וואס ער איז שולל אין פ"ב פון שעהיוה"א, אז מ'קען ניט זאגן אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע מחדש - ווארום ס'איז מוכרח צו זאגן אז די וואס האלטן צמצום כפשוטו, האלטן אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע מחדש.

איז איינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

אין פ"ז בנוגע צו די וואס האלטן צמצום כפשוטו נוצט דער אלטער רבי לשונות וואס מ'קען נאך פארטראגן, און ער זאגט "ה' יכפר בעדם"; משא"כ אין פ"ב בנוגע צו די וואס זאגן אז די ההתהוות איז ניט בכל רגע ורגע מחדש נוצט ער די שארפסטע לשונות, אז זיי זיינען "מינים" און "כופרים בהשגחה פרטית"ובאותות ומופתי התורה", און אז זיי זיינען "מדמין מעשה ה' עושה שמים וארץ למעשה אנוש ותחבולותיו כו'", און "טח מדאות עיניהם" - אע"פ וואס די ביידע שיטות זיינען לכאורה די זעלבע שיטה?!

עט. איז דער ביאור בזה:

ווי געזאגט פריער איז מוכרח צו זאגן אז די וואס האלטן צמצום כפשוטו קענען ניט זאגן אז די התהוות (פון עצמות) איז בכל רגע ורגע, ווארום לשיטתם געפינט זיך ניט דער אויבערשטער אין וועלט, במילא קען מען דאך ניט זאגן אז ער איז דאס מהוה בכל רגע ורגע.

די וואס האלטן אז צמצום איז ניט כפשוטו - קענען

- לערנען -

------------

260) קל, בע"א ואילך.

לערנען אדער ווי דער בעש"ט אז די התהוות איז בכל רגע ורגע מחדש, אדער ניט אזוי;

אבער די וואס האלטן צמצום כפשוטו, איז דערפון זיכער מסתעף אז די התהוות קען ניט זיין בכל רגע ורגע מחדש.

און די הסברה בזה (אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע) – איז ניט לגריעותא פון דעם אויבערשטן, נאר אדרבה:

ע"ד ווי דער ענין פון צמצום כפשוטו גופא, אז דאס וואס זיי לערנען אזוי (אז דער צמצום איז כפשוטו) איז עס מצד גדלות הבורא – ווארום ס'איז היפך הכבוד פון דעם אויבערשטן צו זאגן אז ער געפינט זיך במקום "האשפה", אין עוה"ז הגשמי – און דעריבער לערנען זיי אז ער האט זיך מסלק געווען פון עוה"ז און איז נאר משגיח אויף די וועלט בדוגמת ווי א "מלך משגיח מחלונו דבר לכלוך" (ווי דער לשון זייערער איז[261]),

עד"ז איז אויך בנוגע צו זייער שיטה אין התהוות הבריאה (וואס ווערט נסתעף פון די שיטה פון צמצום כפשוטו), אז לדידהו ברענגט זיך מערער אדוים גדלות הבורא בשעת ער איז מהווה א זאך אין אן אופן אז דאס זאל זיין קיים מצ"ע,

און לשיטתם, איז אדרבה – אויב מ'זאגט אז די התהוות דארף זיין בכל רגע ורגע – איז דאס גאר לגריעותא –

ווארום וואס הייסט אז דער אויבערשטער קען ניט באשאפן א זאך וואס זאל האבן א קיום, און ער איז מהווה די וועלט דוקא אין אזא אופן אז בכל רגע ורגע דארף ער אים מינטערן?!

ובמכ"ש וק"ו פון מעשה אנוש: מה־דאך אז א מענטש קען מאכן א זאך וואס זאל דערנאך זיין קיים מצ"ע, און דער מענטש דארף דאס ניט מהווה זיין בכל רגע ורגע – איז עאכו"כ אז דער אויבערשטער קען אזוי טאן.

איי די שאלה אז מעשה אנוש איז יש מיש און מעשה הקב"ה איז יש מאין (ווי דער אלטער רבי זאגט[262]) – איז אבער דער אויבערשטער כל יכול און מי מעכב בידו צו טאן אזא זאך,

און דערפאר איז מצד גדלות הבורא האט ער באשאפן די וועלט אז זי זאל זיין קיים פאר 6,000 יאר, און ער דארף איר ניט מהווה זיין בכל רגע ורגע מחדש.

פ. און לויט דער שיטה (אז די התהוות איז ניט בכל רגע – ורגע –

---

261) יושר לבב (לר"ע חי ריקי בעהמח"ס משנת חסידים) בית א חדר א פי"ג (וראה גם שם פי"ב). 262) בשעהיוה"א פ"ב.

ורגע מחרש) איז מובן בפשטות דאס וואס עס שטייט אין ירושלמי [263] אז צבא השמים זיינען "חזקים כיום הבראם", משא"כ לויט שיטת הבעש"ט אז די התהוות איז בכל רגע ורגע מחדש, דארף מען אנקומען צו ביאורים:

לויט שיטת הבעש"ט, אז דער אויבערשטער האלט אין איין זאגן "יהי אור", "יהי רקיע" וכו' [264], בכדי אז דער נברא זאל האבן א קיום און ניט נתבטל ווערן ממציאותו - איז וואס איז דער חידוש אז "חזקים כיום הבראם" - דער אויבערשטער איז דאך מחדש די נבראים בכל רגע ורגע מחדש, פונקט אזוי ווי ער האט זיי מחדש געווען בשעת "הבראם"?!

משא"כ לויט דער שיטה (ניט ווי שיטת הבעש"ט) אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע מחדש, נאר בתחלת הבריאה האט דער אויבערשטער מהווה געווען די וועלט אין אן אופן אז די זאל זיין קיים מצ"ע - איז פארשטאנדיק דער חידוש פון ירושלמי אז "חזקים כיום הבראם", ווארום אזוי איז דאך דא דער כלל וואס דער בחיי [265] זאגט אז א תינוק משנולד מתחיל להתייבש - האט דאך ע"פ טבע ניט געדארפט זיין "חזקים כיום הבראם", און דאס איז דער ירושלמי מחדש, אז "חזקים כיום הבראם".

פא. ע"פ כל הנ"ל וועט זיין פארשטאנדיק וואס בעת דער אלטער רבי ברענגט (און איז שולל) די שיטה פון צמצום כפשוטו, נוצט ער ניט קיין שארפע לשונות, אזוי ווי ער נוצט אין פ"ב (בנוגע צו די וואס זאגן אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע) - אע"פ אז אויך די שיטה פון צמצום כפשוטו איז מכריח אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע.

ווייל דער טעם פון די וואס ער ברענגט אין פ"ב, אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע, איז ווייל זיי זיינען "מדמין מעשה ה' עושה שמים וארץ למעשה <u>אנוש</u> ותחבולותיו" - זיי זיינען <u>משפיל</u> "מעשה ה'" און פארגלייכן עס צו "מעשה אנוש".

איז אויף זיי זאגט דער אלטער רבי אז זיי זיינען "מינים" און "כופרים בהשגחה פרטית ובאותות ומופתי התורה".

משא"כ די וואס לערנען אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע, מצד דערויף וואס זיי לערנען צמצום כפשוטו - איז זייער טעם אויף דעם וואס די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע איז (ניט מצד דערויף וואס זיי זיינען <u>משפיל</u> "מעשה ה'",

- נאר -

---

263) ריש מס' ברכות (ה, ב). 264) ראה שעהיוה"א פ"א. 265) ראה פירושו עה"פ בראשית א, כח.



הנחת הת' בלתי מוגה

נאר אדרבה) מצד דערויף וואס זיי זיינען משגבה "כעשה ה'",
אז ביכלהו של הקב"ה צו מאכן א זאך (אע"פ אז דאס איז יש
מאין) וואס זאל האבן א קיום.

און די שיטה אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע,
וואס ווערט נסתעף פון צמצום כפשוטו, איז דער אלטער רבי
שולל (ניט אין פ"ב, נאר) אין פ"א,

דערמיט וואס ער ברענגט תורת הבעש"ט אויפן פסוק[266]
"לעולם ה' דברך נצב בשמים", אז די התהוות איז בכל רגע
ורגע מחדש.

אין פ"ז איז ער שולל דעם ענין פון צמצום כפשוטו גופא,
און דאס וואס עס ווערט נסתעף דערפון - אז די התהוות איז
ניט בכל רגע ורגע - איז ער שולל אין פ"א.

פב. ע"פ האמור לעיל וועט אויסקומען א פליאה נשגבה:

דאס וואס התהוות העולם איז בכל רגע ורגע שטייט
בפירוש אין מדרש תהלים[267] (ווי דער אלטער רבי ברענגט אין
לקו"ת[268]), און דאס איז ניט קיין חידוש פון דעם בעש"ט,

ס'איז מערניט וואס דער בעש"ט האט מסביר געווען און
מבאר געווען און פארשפרייט די שיטה, וואס דערפאר שרייבט
דער אלטער רבי (דוקא) דעם לשון "ופירש הבעש"ט"[269],

וע"פ הנ"ל אז די שיטה פון צמצום כפשוטו איז מכריח אז
די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע מחדש - וואס דערפון קומט
דאך אויס אז די וואס האלטן צמצום כפשוטו זאגן פאדקערט פון
מדרש, און דאס קען מען דאך ניט זאגן, ווארום זיי זיינען
דאך געווען גדולי ישראל.

וואס דערפאר איז יש לומר, אז אויך די וואס לערנען
צמצום כפשוטו קענען האלטן אז די התהוות איז בכל רגע ורגע,

ווארום די וואס האלטן צמצום כפשוטו האבן ניט
געוואוסט פון דעם ענין (וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין
אגה"ק), אז די התהוות איז פון עצמות, פון אן ארט וואס
"איננו עלול מאיזה עילה שקדמה לו ח"ו".

און דעריבער, איז אע"פ אז זיי האבן געלערנט צמצום
כפשוטו - האבן זיי געהאלטן אז די התהוות איז בכל רגע ורגע
(ווי עס שטייט אין מדרש),

- ווארום -

------------

266) תהלים קיט, פט. 267) עה"פ שם. 268) אחרי כה,
סע"ג. וראה גם סה"ש ה'ש"ת ע' 170. תש"ג ע' 146. "היום יום"
ע' צט. 269) ראה לקו"ש ח"ח ע' 354 הע' 21.

ווארום אע"פ אז "הקב"ה סילק עצמו ומהותו" פון עוה"ז - פונדעסטוועגן איז שייך אז ער זאל מהווה זיין דעם עולם בכל רגע ורגע, וויבאלד אז צוליב מהווה זיין יש מאין דארף מען ניט אנקומען (לדידהו) צו "עצמו ומהותו" דוקא.

ואע"פ אז בריאה יש מאין איז נאר בחיק הבורא - וועט מען דארפן (לשיטתם) מחלק זיין צווישן בורא אליין און חיק הבורא, אז די התהוות איז נאר געוועזן פון חיק הבורא, אבער ניט פון בורא, ע"ד ווי זיי זיינען מחלק צווישן "הוא" און השגחתו,

משא"כ לויט שיטת החסידות איז די התהוות בכח העצמות דורך דעם קו, אבער דער קו איז אור אין סוף "שהאור הוא כעין המאור", ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק סימן כ"ף [בגימטריא מאה]*.

פג. ויה"ר אז מ'זאל זיך עוסק זיין אין "יפוצו מעינותיך", און ניט נאר אין די ענינים פון "נהורא תכלא", "נהורא חיוורא" און "נהורא אוכמא"[270], צי דאס איז א בלויע פייערל, צי א ווייסע פייערל, צי א שווארצע פייערל, וואס אויך דאס איז אן ענין -

אבער בעיקר זאל מען זיך עוסק זיין אין די ענינים עיקריים און אין די יסודות פון חסידות - אין דעם ענין אז צמצום איננו כפשוטו, אין דעם ענין פון השגחה פרטית, און אין דעם ענין פון ההתהוות בכל רגע ורגע מחדש.

און דורך "יפוצו מעינותיך חוצה" וועט זיין "אתי מר"[271] דא מלכא משיחא,

בקרוב ממש.

* * *

פד. דער ביאור אין פירוש רש"י:

דער טעם אויף דעם וואס רש"י איז זיך ניט מסתפק מיטן ערשטן פירוש, אז "רב לכם שבת" מיינט "כפשוטו", און ער ברענגט א צווייטן פירוש, אז - ווי געזעדט פריער (סנ"ד) - וואס מפרשים זאגן, אז לויט דעם ערשטן פירוש איז ניט גאר פארשטאנדיק, פארוואס עס שטייט ניט אין פסוק "די לכם שבת" (נאר "רב לכם שבת").

- אויף -

---

270) ראה זח"א נא, א. 271) ראה אגה"ק דהבעש"ט - נדפסה גם בריש ספר כש"ט הוצאת קה"ת.

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ ראה, מבה"ח אלול.



הנחה הת' בלתי מוגה

אויף דערויף קען מען נאך אבער פרעגן:

אין פ' קרח 272 שטייט "רב לכם בני לוי", און רש"י שטעלט זיך ניט אויף דעם פארוואס עס שטייט "רב" און ניט "די",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין פשש"מ קען שטיין "רב" און עס דארף ניט שטיין "די".

במילא איז אויך אין אונזער פסוק קיין שאלה ניט פארוואס עס שטייט "רב לכם שבת" און ניט "די לכם שבת", און אפילו אויב ס'איז יע א שאלה, האט דאס רש"י געדארפט זאגן בפירוש, וויבאלד אז אין פ' קרח זאגט ער גארניט.

ווערט צוריק די שאלה פארוואס ברענגט רש"י א צווייטן פירוש?

פה. איז דא נאך א ביאור אין דעם:

לויט דעם ערשטן פירוש איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק וואס דער אויבערשטער האט געזאגט אידן "רב לכם שבת בהר הזה":

אידן זיינען געזעצן לעבן הר סיני, "שבת בהר הזה", און זיי האבן דארטן באקומען כו"כ גרויסע ענינים, די דגלים, קבלת התורה וכו' - און מיטאמאל קומט דער אויבערשטער און זאגט "רב לכם שבת בהר הזה, פנו וסעו לכם גו'" - אז ס'איז גענוג צו זיצן בא דעם הר, איצטער דארף מען זיך אפטראגן פון דעם הר?!

דער אויבערשטער האט נאר געדארפט זאגן "פנו וסעו לכם גו'" אז איצטער דארף מען גיין אין ארץ ישראל - אבער ווי קלעפט עס צו זאגן "רב לכם שבת בהר הזה", און דערפאר דארף מען אוועקגיין פון דעם הר?!

וואס דאס איז כאילו ווי זאגן אז דער "רב לכם שבת בהר הזה" איז א חסרון, און דערפאר דארף מען דערפון אוועקגיין!

וואס בעיקר צוליב דער שאלה ברענגט רש"י דעם צווייטן פירוש, אז "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה כו'":

ניט דער פירוש איז, אז ס'איז דא א חסרון אין דעם עצם ענין פון "רב לכם שבת בהר הזה", און דערפאר דארף מען דערפון אוועקגיין - נאר אז "בהר הזה" איז געווען "רב לכם", "הרבה גדולה לכם ושכר", און איצטער האבן זיך שוין אויפגעטאן אלע ענינים פון "גדולה" און "שכר" וואס האבן

- געדארפט -

---

272) טז, ז.

געדארפט זיין "בהר הזה" - במילא דארף מען שוין איצטער אוועקגיין פון דעם הר, "פנו וסעו לכם גו׳".

פו. דערמיט וועט מען אויך פארשטיין פארוואס ווען רש"י רעכנט אויס בפרטיות אין וואס איז באשטאנען דער "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה" - "עשיתם משכן מנורה וכלים, קבלתם תורה, מניתם לכם סנהדרין כו׳" - זאגט ער פריער "עשיתם משכן כו׳" און ערשט דערנאך "קבלתם תורה" (אע"פ וואס דער סדר הענינים איז געווען פארקערט) -

וואדום אויב רש"י וואלט פריער געזאגט "קבלתם תורה" - וואלט געווארן א שאלה:

וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געזאגט די אידן אז זיי דארפן אוועקגיין פון דעם הר דערפאר וואס עס האט זיך שוין אויפגעטאן דער "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה" - האט דאס דער אויבערשטער געדארפט זאגן אידן גלייך נאך דערויף וואס ס׳איז געווען "קבלתם תורה", אז איצטער זאלן זיי אוועקגיין פון דעם הר, וויבאלד אז עס האט זיך שוין אויפגעטאן דער "הרבה גדולה לכם כו׳", ד.ה. אז גלייך נאך ו׳ סיון יענעם יאר נאך מ"ת, אדער עכ"פ נאך י׳ תשרי, יוהכ"פ, נאך קבלת לוחות האחרונות, האט דער אויבערשטער געדארפט הייסן אידן אוועקגיין פון דעם הר.

אבער בפועל זעט מען אז ערשט מיט א יאר חסר צען טעג נאך מ"ת זיינען אידן אוועק פון דעם הר?!

דערפאר זאגט רש"י צום אלעם ערשטן אז פון די ענינים אין וועלכע ס׳איז באשטאנען דעם "הרבה גדולה לכם כו׳" איז געווען "עשיתם משכן כו׳", וואס דאס איז געווען א סאך שפעטער ווי "קבלתם תודה", דאס איז געווען לערך איבער א יאר נאך מ"ת, "בחודש הראשון בשנה השנית באחד לחודש"[273], און דערנאך איז געווען חנוכת המזבח, און טאקע גלייך נאך דערויף, "בשנה השנית בחודש השני בעשרים בחודש (כ׳ אייר)"[274] האט דער אויבערשטער געזאגט אז איצטער דארף מען אוועקגיין פון דעם הר, וויבאלד אז עס האט זיך שוין אויפגעטאן דער "רב לכם שבת בהר הזה", דער "הרבה גדולה לכם כו׳".

אויב רש"י וואלט אבער נאר געזאגט "עשיתם משכן" - וואלט געווארן א שאלה: "עשיתם משכן" איז דאך נאר איין זאך - איז פארוואס שטייט אין פסוק "רב לכם שבת"?

דערפאר איז רש"י ממשיך און זאגט אז עס זיינען געווען

- נאך -

---

273) פקודי מ, יז. 274) בהעלותך י, יא. פרש"י עה"פ פרשתנו א, ב.

נאך עניינים וואס האבן געטראפן (לפנ"ז) בהר הזה – "קבלתם תורה, מניתם לכם סנהדרין כו'".

פז. דער טעם פארוואס רש"י רעכנט אויס נאר די גרויסע זאכן אלס "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה", און ניט אנדערע גרויסע זאכן וואס זיינען געווען בהר הזה:

אין פסוק שטייט "רב לכם שבת בהר הזה", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער "רב לכם שבת", ד.ה. דער "הרבה גדולה לכם כו'", זיינען עניינים וואס זיינען פארבונדן מיט "הר הזה", הר סיני, דוקא, וואס דאס זיינען די זאכן וואס רש"י רעכנט אויס, "עשיתם משכן מנורה וכלים, קבלתם תורה, מניתם לכם סנהדרין כו'", משא"כ די אנדערע גרויסע זאכן וואס זיינען דארטן געווען (דער ענין פון די דגלים וכו', ווי גערעדט פריער (סנ"ח)), זיינען ניט פארבונדן מיט "הר הזה", וואס דערפאר רעכנט זיי רש"י ניט אויס.

והביאור בזה (ווי די זאכן וואס רש"י רעכנט אויס זיינען פארבונדן מיט "הר הזה"):

דער ענין פון "קבלתם תורה" איז בפשטות פארבונדן מיט "הר הזה", הר סיני, ווי מ'זאגט [275] "משה קבל תורה מסיני".

עד"ז דער ענין פון "מניתם לכם סנהדרין" איז פארבונדן מיט "הר הזה", ווארום מינוי וסמיכת הסנהדרין איז געקומען בהמשך צו "ואתה פה עמוד עמדי גו'" [276] (בהר סיני), ד.ה. אז דאס איז געקומען בכח משה ווי ער איז געשטאנען בהר סיני,

דערנאך זיינען די סנהדרין טאקע געזעסן אין אוהל מועד, אבער סמיכת הסנהדרין קומט בכח פון דעם וואס משה איז פריער געשטאנען בהר סיני, "ואתה פה עמוד עמדי גו'".

עד"ז דער ענין פון "עשיתם משכן" איז פארבונדן מיט "הר הזה", ווי עס שטייט פריער אין פסוק [277] "והקמות את המשכן כמשפטו אשר הראית בהר".

וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו כלי המשכן, וואס דערפאר זאגט רש"י "עשיתם משכן . . וכלים" – ווארום אויך זיי האט מען באוויזן בהר הזה.

און עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י רעכנט אויס "מנורה" באזונדער – ווארום בא עשיית המנורה שטייט אז מ'האט דאס באוויזן באזונדער צו משה בהר הזה. נאכמער: ניט נאר וואס מ'האט באוויזן די מנורה בהר הזה (ווי מ'האט

- באוויזן -

---

275) אבות רפ"א. 276) ואתחנן ה, כח. 277) תרומה כו, ל.

באווייזן דעם משכן וכליו), נאר דער גאנצער מנורה האט מען געבויט ע"פ ווי משה האט דאס געזעהן "בהר הזה" – "וראה ועשה בתבניתם אשר אתה מראה בהר – ראה כאן בהר תבנית שאני מראה אותך", ווארום "נתקשה משה במעשה המנורה עד שהראה לו הקב"ה מנורה של אש"[278].

פח. ע"פ הנ"ל ווערט נאך שטארקער די קשיא (וואס מ'האט פריער געפרעגט) פארוואס איז רש"י מעתיק פון פסוק נאר די ווערטער "רב לכם שבת", און ניט "בהר הזה", וואס די ווערטער "בהר הזה" זיינען דאך נוגע צו דעם עצם פירוש פון רש"י?

איז דער ביאור בזה – אז רש"י איז טאקע מעתיק אויך די ווערטער "בהר הזה",

אבער כמדובר במ"פ, אז דרכו פון רש"י איז ניט ווי דרך המדרש, צו שטעלן זיך אויף א פסוק און פרעגן א שאלה אויף דערויף און דערנאך ענטפערן א תירוץ – נאר רש"י זאגט זיין פירוש לכתחלה אין די אותיות פון דעם פסוק גופא, ד.ה. אז ער איז מעתיק ווערטער פון דעם פסוק בפירושו, און פאר די ווערטער און נאך די ווערטער גיט ער צו זיין פירוש.

ובנדו"ד: רש"י איז מעתיק פון פסוק "רב לכם שבת", און ער טייטשט "כפשוטו, ויש מדרשי אגדה הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם (און ער איז מעתיק ווייטער פון פסוק די ווערטער) בהר הזה".

ד.ה. די ווערטער "בהר הזה" אינמיטן פירוש רש"י זיינען א חלק פון דעם ד"ה, במילא דארפן זיי זיין אין אותיות מרובעות, ס'איז מערניט וואס דער בחור הזעצער האט געמאכט א טעות און האט געמיינט אז די ווערטער "בהר הזה" זיינען א חלק פון פרש"י און ניט פון (דעם ד"ה פון) פסוק, האט ער זיי געדרוקט באותיות רש"י, כמדובר במ"פ*.

פט. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות:

מ'האט גערעדט במ"פ אז ס'איז דא א שייכות פון דעם בעל המאמר מיט דעם מאמר וואס ער זאגט.

[וואס דאכ איז דאך געוועזן דער אויפטו פון דעם

– ראגאטשאווער –

------------

278) הרומה שם כה, א ובפרש"י.

------------

*) לשלימות הענין – ראה שיחה ש"פ עקב, כ"ף מנחם-אב.



הנחה הת' בלתי מוגה

ראגאטשאווער, אז איך יעדער ענין בתורה האט ער געפונען א נקודה וואס פארבינדט דעם ענין מיט גאנץ תורה, ניט ווי אנדערע מיינען אז זיין אויפטו איז געווען דער ענין הבקיאות, אז די גאנצע תורה איז געשטאנען פאר זיינע אויגן.

ועד"ז איך אונזער משנה - איז דא א שייכות צווישן ר' שמעון, וואס סתם ר' שמעון איז ר' שמעון בן יוחאי, מיט דער משנה וואס ער זאגט, "שלשה שאכלו כו'".

והביאור בזה:

ענינו פון ר' שמעון בן יוחאי איז געווען - "תורתו אומנתו"[279].

וואס דער ענין פון "תורתו אומנתו" איז ביי אים געווען נאך פאר דעם וואס ער איז אריין אין דער מערה, און געהאט דעם גאנצן צער המערה; דערנאך אבער (נאך דעם צער המערה), איז ביי אים צוגעקומען און נתחדש געווארן א נייער ענין אין לימוד התורה גופא, וואס דאס איז דער ענין פון לימוד התורה בשלשה:

כל זמן ר' שמעון בן יוחאי איז געווען אין דער מערה איז ביי אים געווען לימוד התורה נאר בשנים, ער מיט ר' אלעזר בנו,

ווארום ר' שמעון בן יוחאי איז געווען אין דער מערה נאר מיט ר' אלעזר בנו[280], און נאר מיט אים איז ער אפגעזעצן די אלע יארן אין דער מערה, ווארום מצד דעם גלות און מוראה של מלכות האט קיינער ניט געקענט אהינצו קומען (ניט זיין ישיבה וכו'),

וואס דערפאר איז כל זמן ער איז געווען אין דער מערה האט ער געקענט לערנען תורה נאר בשנים, אבער דעם עילוי פון לימוד התורה בשלשה האט ער ניט געקענט האבן.

וואס די צוויי (רשב"י און ר' אלעזר בנו) זיינען טאקע געווען בדרגא נעלית ביותר, זיי זיינען געווען פון די "בני עלי'" וואס "אם שנים הן אני ובני הן"[281] - זייער לימוד התורה איז אבער פארט געווען נאר בשנים.

דאס וואס מ'האט ניט געשיקט רשב"י אליין אין מערה, נאר מ'האט מיט אים מיטגעשיקט ר' אלעזר בנו - דלכאורה: וויבאלד אז דער צער המערה איז געווען אן עונש פאר רשב"י,

- איז -

---

279) שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 280) שבת לג, ב. 281) סוכה מה, ב.

איז פארוואס האט מען מיט אים מיטגעשיקט אין דער מערה אויך ר' אלעזר בנו - איז דאס קיין שאלה ניט, ווארום:

אויפן פסוק[282] "חרב אל הבדים ונואלו" זאגט די גמרא[283], "חרב על צוארי שונאיהם של ת"ח שיושבין ועוסקין בתורה בד בבד כו'", ד.ה. אז אין לימוד התורה מוז מען האבן א צווייטן מיט וועמען צו לערנען, משא"כ אויב איינער לערנט אליין - איז דאס אן ענין פון "ונואלו", ווי די גמרא איז דארטן מסביר.

און דערפאר האט מען געדארפט מיטשיקן מיט רשב"י אין דער מערה א צווייטן מיט וועמען ער זאל קענען לערנען תורה בשלימות,

ע"ד ווי די גמרא זאגט דארטן אז "תלמיד שגלה מגלין רבו עמו שנאמר[284] וחי, עביד לי' מידי דתהוי לי' חיותא".

דאס איז אבער נאר בנוגע צו מיטשיקן מיט אים נאך איינעם; אבער לימוד התורה בשלשה איז בא רשב"י ניט געווען אין דער מערה.

צ. וואס דערפאר ווען רשב"י איז ארויסגעקומען פון דער מערה - האט ער געזאגט ("ר' שמעון אומר"): הערט אידן! ס'איז דא א ספעציעלע מעלה אין דעם ענין פון לימוד התורה בשלשה - "שלשה שאכלו על שלחן אחד כו' ואמרו עליו דברי תורה",

ווארום ערשט ארויסקומענדיק פון דער מערה האט רשב"י מכיר געווען און מרגיש געווען די גרויסע מעלה פון לימוד התורה בשלשה דוקא, ווארום זייענדיק אין דער מערה האט ער געקענט לערנען תורה נאר בשנים.

וואס דער לימוד התורה זיינער אין דער מערה איז טאקע (אויך) געווען פארבונדן מיט אכילה - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם וואס די גמרא[285] דערציילט, אז בשעת רשב"י און ר' אלעזר בנו זיינען געווען אין דער מערה איז מצד מוראה של מלכות האבן זייערע נשים ניט געקענט בהענגען זיי קיין עסן און טרינקען, נאר "אתרחיש ניסא, איברי להו חרובא ועינא דמיא" און דערפון האבן זיי געגעסן און געטרונקען,

- - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז זייער לימוד התורה

- האט -

---

282) ירמי' נ, לו. 283) מכות י, א. וש"נ.
284) ואתחנן ד, מב. 285) שבת שם.

הנהת הת' בלתי מוגה

האט אויך געהאט די מעלה פון לימוד התורה בשעת האכילה "על שלחן אחד";

דאס איז אבער געווען לימוד התורה נאר בשנים "על שלחן אחד", משא"כ ווען רשב"י איז ארויס פון דער מערה איז ביי אים נתחדש געווארן די מעלה פון לימוד התורה בשלשה ווי דאס איז פארבונדן מיט אכילה ושתי' - "שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה".

צא. דער ביאור אין דעם דיוק "שלשה שאכלו על שלחן אחד כו'":

בשעת א מענטש עסט א מאכל, ווערט דער מאכל איין זאך מיט דעם מענטשן;

און בשעת דער מענטש רעדט דברי תורה בשעת ער עסט - ווערט דער מציאות פון דעם מענטש - תורה, במילא ווערט אויך דער מאכל איין זאך מיט תורה.

וואס דאס איז דער דיוק "שלחן אחד": אז "שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה" - ווערט דער עסן (דער "שלחן") מיט דעם איד מיט דער תורה איין זאך, "אחד".

צב. דערנאך ברענגט די משנה א ראי' דערצו: "שנאמר וידבר אלי זה השלחן אשר לפני הוי'":

דער שם הוי' האט אין זיך ד' אותיות, וואס זיי זיינען כנגד די פיר סוגים בעולם, דומם, צומח, חי, מדבר[286].

וואס אע"פ אז דער סוג המדבר איז דער העכסטער סוג פון די אלע פיר סוגים - דארף ער אבער אויך אנקומען צו די אנדערע דריי סוגים שלמטה ממנו, ווי דער אדיז"ל זאגט אויפן פסוק[287] "כי לא על הלחם לבדו יחי' האדם כי על כל מוצא פי הוי' יחי' האדם" - אז אין דעם לחם הגשמי איז דא א ניצוץ אלקי ("מוצא פי הוי'") וואס איז העכער פאר דעם ניצוץ אלקי וואס איז דא אין דעם מדבר, וואס דערפאר דארף דער מדבר אנקומען צו דעם ניצוץ אלקי וואס איז דא אין דעם לחם הגשמי,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק במכ"ש וק"ו אז דער סוג המדבר דארף אויך אנקומען צו דעם סוג החי, וואס ער איז העכער פאר דעם סוג הצומח, וועגן וואס דער אריז"ל רעדט ("לחם").

- און -

---

286) תניא פל"ח (נ, ב). 287) עקב ח, ג. ל"ת להאריז"ל עה"פ. לקו"ת לאדה"ז צו יג, ב ואילך.

און דוקא דעמולט ווען דער סוג המדבר קומט אן צו די אנדערע דריי סוגים צו אים משלים זיין - האט מען דעם גאנצן שם הוי׳, וואס זיינע ד׳ אותיות זיינען כנגד די ד׳ סוגים דומם צומח חי מדבר.

וואס דער חיבור פון סוג המדבר מיט די אנדערע סוגים (וואס דעמולט האט מען דעם גאנצן שם הוי׳) ווערט אויפגעטאן בשעת עס איז דא דער "שלשה שאכלו על שלחן אחד" - ווארום דורך דער אכילה ווערט א חיבור פון דעם סוג המדבר מיטן מאכל, און בשעת "אמרו עליו דברי תורה" ווערט דער סוג המדבר מיט דעם מאכל מיט תורה איין זאך, כנ"ל,

און דעמולט האט מען דעם גאנצן שם הוי׳, עס ווערט "זה השלחן אשר לפני הוי׳".

וכידוע אז אין "לפני הוי׳" זיינען דא צוויי פירושים: א) דער פנימיות פון שם הוי׳, ב) העכער פאר שם הוי׳[288].

ע"ד ווי די צוויי דרגות וואס זיינען דא אין תורה[289]: א) די דרגא אין תורה וואס "אורייתא מחכמה נפקת"[290], וואס דאס איז ווי תורה איז פארבונדן מיט שם הוי׳, און ב) דער שרש ומקור פון תורה, וואס איז העכער פאר חכמה - די דרגא פון קוצו של יו"ד, וואס איז העכער פאר שם הוי׳,

און דורך דערויף וואס מ׳איז עוסק בתורה לשמה, איז מען ממשיך פון דעם קוצו של יו"ד אין שם הוי׳, וואס דאס איז דער ענין פון "כל העוסק בתורה לשמה משים שלום בפמליא של מעלה כו׳"[291].

צג. בהמשך להאמור לעיל אז מ׳דארף פארבינדן אכילה ושתי׳ מיט דברי תורה, "שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו משלחנו של מקום כו׳" -

איז כאן המקום צו מבאר זיין דאס וואס מ׳האט גערעדט פריער[292], אז אין יעדער טאג פון די ניין טעג, און אויך בתשעה באב (אין דער מסכת וועלכע ס׳איז דעמולט מותר צו לערנען), זאל מען זיך משתדל זיין צו מאכן, אדער הערן, א סיום מסכת, בכדי צו מוסיף זיין אין דער שמחה אין די טעג [וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון אכו"ש[293]].

- האט -

---

288) ראה לקו"ת אחרי כו, סע"ג. כז, ד. ועוד.
289) לקו"ת מטות פו, ב. וראה ד"ה החלצו דש"פ מטו"מ ש.ז.
290) זה"ב קכא, א. וראה שם כב, א. פה, א. 291) סנהדרין צט, ב. מיינות [illegible] 289. 292) שיחת ש"פ מטו"מ, מבה"ח מנ"א סע"א ואי׳[illegible] 29[illegible]) רמ"א יו"ד סו"ס רמו. וראה רמ"א או"ח [illegible]נ"א ס"[illegible].



הנחת [illegible] בלתי מוגה

האט מען אויף דערויף געפרעגט: די משנה[294] זאגט דאך אז "משנכנס אב ממעטין בשמחה"[21] - איז היתכן אז אין די טעג זאל מען מאכן סיומים צוליב מאכן א "יומא טבא לרבנן"[295], צוליב דעם ענין השמחה?!

אמת טאקע אז ס'איז מוהר צו לערנען תורה אין די טעג, און ס'איז אויך מותר צו לערנען געוויסע ענינים בתשעה באב[296] - אבער היתכן אז מ'זאל לערנען במיוחד צוליב דעם ענין השמחה?!

איז דער ענטפער אויף דעם - אז דאס וואס מ'האט געהייסן מאכן סיומים אין די ניין טעג איז מיוסד אויף דער הנהגה פון דעם רבי'ן נ"ע, ווי ס'איז שוין אויך געדרוקט אין ספר המנהגים[297], אז "הי' נוהג "לעשות סיומים" בט' ימים שבין ר"ח לט' באב, אף שלא הי' סועד אח"כ בבשר ויין".

און ס'איז דאך ידוע אז דער טעם פארוואס ער האט געמאכט סיומים אין די ניין טעג איז געווען - דערפאר וואס מצד בריאות הגוף האט ער געדארפט עסן בשר עוף, איז בכדי צו דאס קענען עסן אין די ניין טעג האט ער געמאכט א סיום אין יעדן פון די ניין טעג.

לפ"ז ווערט אבער די אויבנדערמאנטע שאלה איבערגעשטעלט אויף דעם רבי'ן נ"ע: דער רבי נ"ע האט דאך געדארפט עסן בשר עוף נאר איין מאל אין כמה ימים, אבער ניט אין יעדן פון די ניין טעג - איז היתכן אז ער האט געמאכט א סיום אין יעדן פון די ניין טעג "אף שלא הי' סועד אח"כ בבשר ויין"?!

צד. איז דער ביאור בזה:

דער רבי נ"ע האט ניט געוואלט מאכן פון תורה א "קרדום לחתוך בה"[298], ד.ה. מאכן א סיום מסכת צוליב דעם אז ער זאל קענען עסן בשר עוף מצד בריאות הגוף.

איז וואס איז די עצה אויף דערויף?

איז די עצה וואס דער רבי נ"ע האט געפונען אויף דערויף - אז ער האט איינגעפירט א סדר בא זיך אז ער וועט מאכן א סיום אין יעדן פון די ניין טעג, במילא ווערט דאס זיינע א רגילות, וואס דעמולט קומט אויס אז דאס וואס ער מאכט א סיום אין די ניין טעג איז ניט צוליב עסן בשר עוף -

- נאר -

---

294) תענית כו, ב. שם כט, סע"א בגמרא. 295) שבת קיח, סע"ב ואילך. 296) שו"ע או"ח ר"ס תקנד. 297) חב"ד - ע' 46. 298) אבות פ"ד מ"ה.

נאר דערפאר וואס דאס איז זיין הנהגה הדגילה צו מאכן א סיום אין יעדן טאג פון די ניין טעג.

צה. און על יסוד די הנהגה פון דעם רבי'ן נ"ע האט מען געדעדט אז מ'זאל מאכן א רגילות אז אין יעדן פון די ניין טעג זאל מען מאכן (אדער הערן) א סיום מסכת.

ס'איז דא א מעשה וועגן א חסיד וואס האט יעדער טאג פון יאר געמאכט א סיום: ער האט אויסגע'חזר'ט בעל פה מסכת תמיד, און יעדער טאג פלעגט ער דאס מסיים זיין, בכדי אז יעדער סעודה זיינע זאל זיין א סעודת מצוה, פארבונדן מיט א סיום מסכת.

וואס דאס איז שייך נאר צו יחידי סגולה; און באמת איז דאס אפילו צו יחידי סגולה (לשון רבים) אויך ניט שייך, ווארום איך האב געהערט די מעשה נאר וועגן איינעם, און דאס גופא איז אויך אן אחריות, וויבאלד אז איך האב דאס ניט געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, נאר פון א צווייטן - אבער ווי-נישט-ווי איז דאס א געשמאקע זאך;

משא"כ בנוגע צו די הנהגה פון דעם רבי'ן נ"ע, וואס ער פלעגט מאכן א סיום אין יעדן טאג פון די ניין טעג - איז אע"פ וואס מי ידמה לו ומי ישוה לו - וויבאלד אבער די הנהגה איז אפגעדרוקט געווארן (אין ספר המנהגים) - איז דאס שייך לכאו"א, אז יעדערער דארף זיך משתדל זיין צו מאכן (אדער הערן) א סיום מסכת אין די ניין טעג, כולל אויך בתשעה באב.

צו. און דאס וואס דער ענין פון א סיום איז פארבונדן מיט שמחה - איז ווי קען מען קובע זיין בימים אלו דעם ענין פון מאכן בכל יום א סיום - וועט מען פארשטיין בהקדם א פליאה כללית בנוגע לימים אלו:

ס'איז דא דער כלל (ביז אין הלכה[299]) אז עס דארף זיין "עבדו את ה' בשמחה" (ווי עס שטייט אין תהלים אין קאפיטל ק' - דער קאפיטל וואס איז פארבונדן מיט שנת המאה להולדת כ"ק מו"ח אדמו"ר), ד.ה. אז יעדער זאך וואס איז פארבונדן מיט תומ"צ, ביז אויך "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[300], דארף מען מקיים זיין מיט שמחה.

ביז - לויט הורה הבעש"ט[301] אז יעדער זאך וואס מ'זעט אדער מ'הערט דארף מען אויסנוצן אין עבודת ה' - איז אויך

- דאס -

------------

299) ראה רמב"ם סוף הל' לולב. 300) אבות פ"ב מי"ב.
301) כש"ט הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.

דאס דארף זייך אין אן אופן פון "עבדו את ה׳ בשמחה".

וכידוע דער גודל הענין פון עבודת ה׳ מתוך שמחה, ווי דער אריז"ל [וואס זיין הסתלקות איז געווען נעכטן, ערב שבת, וואס ערב שבת האט א שייכות מיוחדת מיט שבת, כמרז"ל "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת" וואס דאס גייט בפשטות אויף ערב שבת כפשוטו] איז מבאר אויפן פסוק[302] "תחת אשר לא עבדת את ה׳ אלקיך בשמחה ובטוב לבב", און דער אלטער רבי ברענגט עס אראפ אין תניא[303] (ווי גערעדט ביום ה׳).

וואס עפ"ז איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי מ׳קען זאגן אז "משנכנס אב ממעטין בשמחה", וואס דאס איז דאך א הנהגה פונקט דער היפך פון "עבדו את ה׳ בשמחה", ד.ה. צו זאגן, אז "משנכנס אב" דארף מען זיך פירן פונקט פארקערט ווי "עבדו את ה׳ בשמחה", ווארום עס קען דאך ניט זיין "שבור חבית ושמור את יינה"[304]?!

איז דאך דערפון גופא פארשטאנדיק, אז ווי ווייט מ׳קען יע מקיים זיין דעם ענין השמחה בימים אלו - דארף מען זיך משתדל זיין דאס מקיים צו זיין[305].

וכידוע דער פירוש אין "משנכנס אב ממעטין בשמחה": ווי איז מען ממעט אין דעם "משנכנס אב"? - "בשמחה" - דורך שמחה.

ובפרט אז אין ענינים פארבונדן מיט אבילות, ע"ד ווי תשעה באב - איז "הלכה כדברי המיקל באבל"[306].

וואס דערפאר איז א דבר נכון צו מאכן סיומים בכל יום מימים אלו - וואס מאכן א סיום איז אן ענין וואס איז מותר צו טאן בימים אלו - בכדי צו מוסיף זיין אין דער שמחה אויף וויפל ס׳איז שייך בימים אלו.

צז. מ׳דארף נאך אבער פארשטיין בנוגע צו מאכן א סיום בתשעה באב - ווי קען מען דעמולט מאכן א סיום צוליב דעם ענין השמחה?

איז דאס קיין שאלה ניט - ווארום בשלמא בנוגע צו לערנען בתשעה באב אן ענין אין תורה "במשנה בתלמוד ובמדרש ובהלכות ובאגדות", איז דאס אסור, דערפאר וואס בנוגע צו תורה שטייט[307] "פקודי ה׳ ישרים משמחי לב", און תשעה באב טאר ניט זיין דער ענין השמחה[308];

- בנוגע -

------------

302) תבוא כח, מז. 303) פכ"ו. וראה של"ה מט, א.
304) ל׳ חז"ל - ב"ב טז, א. 305) ראה נימוקי או"ח (לבעהמח"ם מנחת אלעזר) סתרפ"ו. 306) מו"ק יח, רע"א. וש"נ.
307) תהלים יט, ט. 308) שו"ע או"ח שם.

בנוגע אבער צו איינעם וואס לערנט דערפאר וואס ער וויל מאכן א סיום אין דעם טאג - איז דאך דער מאכן דעם סיום ניט צוליב דער שמחה וואס וועט דערפון דערנאך ארויסקומען, נאר צוליב דעם סיום אליין, ס'איז מערניט וואס אלס <u>תוצאה</u> פון זיין מאכן דעם סיום קומט ארויס אן ענין פון שמחה, די שמחה איז אבער ניט פון דעם מאמר פרטי וואס ער לערנט אין דעם סיום, ווארום זיין כוונה איז ניט די שמחה נאר דער סיום,

און דערפאר איז זיין מאכן א סיום ניט ווי ער האט געטאן אן ענין פון שמחה, וויבאלד אז די שמחה איז נאר א תוצאה וואס קומט ארויס דערנאך פון דעם סיום.

צח. א דוגמא לזה (אז א זאך וואס קומט (דערנאך) ארויס אלס א תוצאה פון אן אנדער זאך, איז ניט ווי דער עצם זאך פון וואנעט דאס איז ארויסגעקומען) אין הלכה געפינט מען אין ספר החקירה להצ"צ[309] בנוגע צו א דין אין הלכות עדות:

דער צ"צ ברענגט (בקשר מיט מעמד הר סיני (מ"ת) וואס "עינינו ראו ולא זר"[310]), אז ס'איז פאראן א חילוק צווישן עדות אויף דיני ממונות און עדות אויף דיני נפשות:

עדות אויף דיני ממונות דארפן ניט זיין אזוי שטארק ווי עדות אויף דיני נפשות, וואס דערפאר דארפן עדות אויף דיני ממונות ניט האבן קיין דרישה וחקירה[311], משא"כ עדות אויף דיני נפשות דארפן יע האבן דרישה וחקירה;

בשעת עס קומט אבער צו עדות אויף אן ענין וואס בתחלתו איז דאס אן ענין אין דיני ממונות, אבער דערנאך קומט דערפון ארויס א שאלה אויך אין דיני נפשות, ווי עדות אין דיני גיטין וקידושין [לדוגמא: עדות צי דער כסף הקידושין איז געווען שוה פרוטה, וואס דערפון קומט ארויס א נפק"מ אין דיני נפשות, אויב זינתה תחת בעלה] - ווערט א שאלה וואס פאר א דין האבן די עדות -

ברענגט דער צ"צ אראפ אז אין אזא פאל דארף מען ניט האבן "דרישה וחקירה כמו דיני נפשות אע"פ שאח"כ (אפילו מיט א האלבע שעה שפעטער) יבוא לד"נ ממש, מ"מ כיון שעכשיו אין כאן דיני נפשות אין זה כדיני נפשות ממש כו'", ווארום "הענין מצד עצמו אינו גדול כד"נ, ואי משום שיכול להביא לד"נ אין להחמיר בו כ"כ דהיינו רק גורם לדבר דד"נ ואינו כהדבר עצמו, דכל גרמא אין בו חומר כמו עצמות הדבר".

צט. ויה"ר אז מ'זאל טאן אין די אלע ענינים, אין די סיומים און אין שאר הענינים וועגן וועלכע מ'רעדט בקשר לימים אלו.

בפרט מ״ מיט די אידישע קינדער, "רביי דעלמא"[312], ווי - מ'האט -

-----------

309) כד, א. 310) רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ח.
311) טושו"ע חו"מ רס"ל. 312) זח"א קיח, א.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

כ'האט געעדס אין דער פריערדיקער ההוועדות[313], אז בימים אלו במיוחד זאל מען צוזאמענקלייבן אידישע קינדער, און טאן מיט זיי אין די אלע שלשה קוין וואס עליהם העולם עומד, תורה, עבודה און גמילות חסדים[314].

און א יישר-כח צו די וואס בקשר מיט דער בקשה הנ"ל, האבן זיי שוין מסדר געווען צו מאכן א כינוס פאר די אידישע קינדער, מארגן, ז' מנחם-אב.

וואס דער כינוס וועט מען דאך פארבינדן מיט ענינים פון אכילה ושתי' אין אן אופן פון כשרות האכו"ש, און מיט א ברכה לפני' ולאחרי' אויף דער אכו"ש, און זיכער וועט מען דאס אויך פארבינדן מיט זאגן דברי תורה, וואס דורך דעריף וועט מען אויפטאן היפך פון דעם "אכלו ושתו וקלקלו" וואס איז געווען בשעת "נכנסו נכרים להיכל" בז' מנחם-אב (כנ"ל סל"ו).

און דורך דעריף טוט מען אויך אויף אז עס זאל זיין "שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה" - וויבאלד אז מ'פארבינדט די אכו"ש בא דעם כינוס מיט דברי תורה, וואס דעמולט איז "כאילו אכלו משלחנו של מקום", און עס ווערט "זה השלחן אשר לפני ה'".

ובפרט אז ס'איז ניט נאר "שלשה שאכלו על שלחן אחד כו'" נאר שלשים, און שלש מאות, און שלשה אלפים, ביז צו שלש רבבות אידישע קינדער,

ביז אז עס ווערט "ואתא מרבבות קודש"[315], בביאת משיח משיח צדקנו, וואס ילמד תורה את כל העם כולו[316], בקרוב ממש.

* * *

ק. דער ביאור אין דעם וואס די משנה אין פרקי אבות זאגט "שלשה שאכלו על שלחן אחד ולא אמרו עליו דברי תורה כאילו אכלו מזבחי מתים שנאמר כי כל שלחנות מלאו קיא צואה בלי מקום", אע"פ וואס פון דעם צ"צ קומט אויס אז אפילו אן דברי תורה באם שלחן קען מען אויך אויפטאן אן עניין דורך האבן אורחים באם שלחן:

ווי געעדס פריער (ספ"ט ואילך) רעדט ר' שמעון אין דער משנה בהמשך צו דעם וואס ער איז ארויס פון דער מערה, וואס כל זמן ער איז געווען אין דער מערה האט ביי אים געקענט זיין לימוד התורה נאר בשנים, און ארויסגייענדיק

- פון -

------------

313) שיחת ש"פ מטו"מ סנ"ב ואילך. 314) אבות פ"א מ"ב.
315) ברכה לג, ב. 316) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו.

פון דער מערה איז ביי אים נתחדש געווארן די מעלה פון
לימוד התורה בשלשה דוקא, ניט מערער און ניט ווייניקער,

ובפשטות - אז גלייך בשעת ער האט געטראפן דעם ערשטן
איד ארויסגייענדיק פון מערה, האט ער מיט אים גערעדט אן
עניין אין תורה, איז געווארן די מעלה פון לימוד התורה בשלשה.

וואס דערפאר איז אע"פ וואס אין די משנות שלאח"ז רעדט
זיך וועגן דער מעלה פון לימוד התורה בעשרה, בחמשה וכו' -
זאגט אבער ר' שמעון אין אונזער משנה "שלשה שאכלו על שלחן
אחד ואמרו עליו דברי תורה וכו'" - ווייבאלד אז אין דעם איז
באשטאנען דער חידוש ביי אים ארויסגייענדיק פון מערה.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז ר' שמעון רעדט ניט וועגן
דעם עניין פון הכנסת אורחים באם שלחן - ווארום ווייבאלד אז
בא ר' שמעון אין מערה האט געקענט זיין דער עניין פון לימוד
התורה נאר בשנים (און ניט בשלשה), איז א זיכערע זאך אז
בשעת ער איז ארויס פון מערה און ער האט דערזעהן נאך א איד,
האט ער ניט געווארט ביז מ'זאל זיך אוועקזעצן ביי א טיש
און אנהויבן עסן, און ערשט דעמולט רעדן אן עניין אין תורה
בכדי מ'זאל האבן די מעלה פון לימוד התורה בשלשה - נאר
גלייך דארטן וואו ער האט געטראפן דעם איד האט ער גערעדט
אן עניין אין תורה, און דורך דערויף געהאט די מעלה פון
לימוד התורה בשלשה.

דער עניין פון הכנסת אורחים און צדקה איז טאקע אויך
אן עניין - רשב"י אבער ארויסגייענדיק פון דער מערה האט ניט
וועגן דעם געטראכט, נאר גלייך בשעת ער האט געטראפן א איד
האט ער מיט אים גערעדט אין תורה.

[אין דער מערה האט רשב"י מקיים געווען די מצוה פון
הכנסת אורחים ברוחניות, אזוי ווי ער האט דארטן מקיים
געווען שאר המצוות, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין
לקו"ה[317] אז אין דער מערה האט רשב"י מקיים געווען מצות
אכילת מצה און שאר המצוות ברוחניות; בשעת אבער ער איז
ארויס פון דער מערה, וואס דעמולט האט ער געקענט מקיים
זיין די מצוה פון הכנסת אורחים בגשמיות - האט ער ניט
געווארט ביז ער וועט דאס מקיים זיין, ווארום ניט דאס איז
ביי אים געווען די ערשטע זאך וואס ער האט געקענט טאן, די
ערשטע זאך וואס ער האט געקענט טאן איז געווען רעדן מיט א
דריטן אידן אין תורה - האט ער דאס גלייך געטאן].

קא. וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער משנה

- וואס -

------------

317) ר"פ שמיני.

הנחה הת' בלתי מוגה

וואס ר' שמעון האט געזאגט, "שלשה שאכלו על שלחן אחד כו'" -

אז דאס רעדט זיך אין א פאל וואו עס זיינען ניטא קיין אורחים באם שלחן, דאס רעדט זיך נאר ביחס צו דעם ענין התורה,

ובמילא איז בשעת "שלשה שאכלו על שלחן אחד ולא אמרו עליו דברי תורה" (און ס'איז אויך ניטא דער ענין פון אורחים באם שלחן, כנ"ל) איז דאס "כאילו אכלו מזבחי מתים שנאמר כי כל שלחנות מלאו קיא צואה בלי מקום",

וואדום וויבאלד אז עס פעלט דער ענין התורה, פעלט אויך דער ענין פון "שלחן אחד", דער ענין האחדות, און עס פעלט אויך דער ענין החיות וואס קומט דוקא דורך עבודה (אמירה דברי הורה) בשעת דער אכילה - במילא איז דאס "כאילו אכלו מזבחי מתים", עס פעלט דער ענין החיות, און דאס איז ווי אן עבודה זרה (וואס דאס איז דער ענין פון "זבחי מתים", און "שלחנות מלאו קיא צואה בלי מקום", כנ"ל (סו"ס סו)) אן "עבודה שזרה לו"[318];

און בשעת "שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו דברי תורה" איז דאס "כאילו אכלו משלחנו של מקום".

משא"כ די גמרא (אין ברכות) רעדט אויך וועגן דעם ענין פון הכנסת אורחים, אז "המאריך על שלחנו" איז מאריכין לו "ימיו ושנותיו", "שמתוך כך עניים באין ומתפרנסים", און דערפאר איז "שלחנו של אדם מכפר עליו".

און דערנאך קומט דער צ"צ און איז מחברביידע ענינים, דעם ענין וואס שטייט אין דער משנה אין פרקי אבות, וועגן אמירת דברי תורה באם שלחן, מיט דער גמרא, וואס רעדט וועגן הכנסת אורחים - און ער איז מבאר וואס יעדער ענין טוט אויף.

קב. האמור לעיל איז אלץ דער חידוש פון לימוד התורה בשלשה וואס איז צוגעקומען בא רשב"י ווען ער איז ארויס פון דער מערה;

דאס איז אבער ניט שולל דעם ענין פון לימוד התורה וואס איז ביי אים געווען אין דער מערה, וואס דארטן האט ער געלערנט תורה בתכלית השלימות, כנ"ל (ספ"ט-צ),

און ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק[319] אז "גם בהיותו במערה" האט ער זיך עוסק געווען אין לימוד התורה, ביז אז "עיקר עסקיהם (פון רשב"י און ר' אלעזר בנו) במערה הי' בתורת המשניות ת"ר סדרי (המשניות) שהי' בימיהם".

- און -

------------

318) ראה ב"ב קי, א. 319) סכ"ו (קמג, א).

און ווי געררעדט אמאל דעם חשבון בזה, ע"פ וואס דער רשב"ם זאגט אין ב"ב[320], אז בכל שנה זיינען געווען צוויי חדשים פון "ירחי כלה", חודש ניסן און חודש תשרי, וואס אין יעדן פון די צוויי חדשים פלעג ר' אשי אפלערנען איין מסכת, און וויבאלד אז אין ש"ס זיינען דא זעכציק מסכתות, קומט דאך אויס אז במשך פון זעכציק חדשים, ד.ה. במשך פון דרייסיק יאר - צוויי חדשים יעדן יאר - האט ער אפגעלערנט איין מאל גאנץ ש"ס, וואס דאס איז געווען די מהדורא קמא, און דערנאך במשך פון נאך דרייסיק יאר (צוויי חדשים יעדן יאר) האט ער אפגעלערנט די מהדורא בתרא פון ש"ס, ד.ה. אין שנים רצופות - געדויערט לערנען גאנץ ש"ס (מיט די צוויי מהדורות) צען יאר.

און דעמולט זיינען געווען נאר ששה סדרים, און דער לימוד דעמולט איז געווען נאך דעם זמן פון ר' יוחנן, וואס דער לימוד נאך דעם זמן פון ר' יוחנן איז געווען שלא בערך צו דורו דרשב"י - "ראשונים"[321] -

איז דאך עאכו"כ רשב"י, וואס ער האט געלערנט אין דער מערה "ת"ר סדרי שהי' בימיהם", און אין אן אופן פון "פלפול הקושיות ותירוצים" - "כ"ד פירוקי וכו'"[322] - האט אים זיכער גענומען א משך זמן (דרייצן יאר אין דער מערה[323]) צו דאס אפלערנען.

וואס דערפון קומט דאך אויס אז לימוד התורה בא רשב"י אין דער מערה איז געווען בתכלית השלימות;

ס'איז מערניט אז ווען ער איז ארויס פון דער מערה איז ביי אים צוגעקומען די מעלה פון לימוד התורה בשלשה, כנ"ל בארוכה.

קג. דער ביאור אין דעם סיפור מיט דעם ינוקא אין זהר (בקיצור):

ר' יהודה און ר' יצחק זיינען בחי' חסד און גבורה, און דער ינוקא איז בחי' תפארת, כנגד יעקב, ווי דער טאטע איז מבאר אין דער הערה.

וואס דערמיט וועט מען פארשטיין פרטי הסיפור פון דעם ינוקא מיט ר' יצחק און ר' יהודה:

אין ספירת התפארת זיינען דא כמה ענינים: תפארת איז מקבל מימין, זי איז מקבל בשמאל, זי איז מחבר ימין ושמאל,

- און -

---

320) קכז, ב - ד"ה מהדו"ב. 321) עירובין נג, א.
322) ל' אדה"ז באגה"ק שם. 323) שבת לג, ב. וראה אגה"ק שם.

הנהה הה' בלהי מוגה

און דער עיקר אין תפארת איז - אז זי איז א ספירה בפ"ע, און מצד דעם איז זי דער קו האמצעי וואס איז עולה אין פנימיות הכתר, ווי דער רבי נ"ע איז מבאר[324] אז אויך הסד וגבורה זיינען עולה אין כתר, די מעלה פון תפארת איז, אז זי איז עולה אין פנימיות הכתר.

און אזוי ווי דער קו האמצעי איז עולה עד למעלה מעלה אין פנימיות הכתר, אזוי איז ער אויך יורד ונמשך עד למטה מטה, און ער איז ניט נשתנה מתחלת המשכתו פון למעלה מעלה ביז סוף המשכתו למטה מטה, וואס דאס איז דאך דער ענין פון מדת האמת, וואס אמת ווערט ניט נשתנה וואו ער זאל נאר נמשך ווערן.

וע"ד ווי ספירת הדעת (וואס איז אויך דער קו האמצעי), וואס ס'איז דאך "אין קישוי אלא לדעת"[325], ד.ה. אז פון כח המחשבה אין מוח הדעת ווערט נמשך אין סיומא דגופא מיט דעם זעלבן תוקף.

קד. עפ"ז וועט מען פארשטיין פרטי הסיפור פון דעם ינוקא מיט ר' יצחק און ר' יהודה (ווי עס ווערט דערציילט אין זהר), וואס דער ינוקא איז בחי' תפארת, און ר' יהודה און ר' יצחק זיינען בחי' חסד און גבורה, כנ"ל:

מצד דעם וואס תפארת שטעלט זיך אויס אין ספירות, און ניט אין קוין[326] - איז תפארת נידעריקער פאר ספירת החסד און ספירת הגבורה, און זי איז פון זיי מקבל (מקבל מימין און מקבל משמאל),

און דערפאר זאגט ספירת הבינה, וואס דאס איז די בחי' פון דער אם פון דעם ינוקא, ווארום בינה איז "אם הבנים שמחה"[327], צו דעם ינוקא, ספירת התפארת, "קריב לגבי אילין גוברין עילאין - ר' יהודה און ר' יצחק, ספירת החסד און ספירת הגבורה - ותרווח מינייהו ברכאן".

מצד דעם אבער וואס תפארת שטעלט זיך אויס אין קוין, איז זי דער קו האמצעי וואס איז עולה אין פנימיות הכתר, העכער פאר חסד וגבורה, און זי איז מתקן און משלים דעם חסרון וואס עס פעלט אין חסד און גבורה,

וואס דערפאר איז וועו דער ינוקא, תפארת ווי זי איז דער קו האמצעי, איז צוגעקומען צו ר' יהודה און ר' יצחק,

- חסד -

------------

324) בהמשך תרס"ו ע' תלה. המשך תער"ב פקי"ד (ח"א ע' רכ ואילך). ובכ"מ. 325) יבמות נג, ב. 326) ראה תו"א יט, א ואילך. 327) תהלים קיג, ט. וראה לקו"ת צו יא, ג. ועוד.

חסד און גבורה, איז "עד לא קריב אהדר לאחורא", און "א"ל לאמי׳ לא בעינא לקרבא לגבייהו, דהא יומא דא לא קרו ק"ש וכו׳", ווארום ער האט דערקענט "בריחא דלבושייכו" אז זיי האבן יענעם טאג ניט געלייענט קיין קריאת שמע:

ע"פ דין איז וויבאלד אז זיי האבן זיך יענעם טאג משתדל געווען מיט א חתן וכלה, איז דאך "אונס רחמנא פטרי׳"[328], און "העוסק במצוה פטור מן המצוה", ואדרבה - דערפון גופא וואס זיי האבן געהאט "לבושים" איז פארשטאנדיק אז זיי האבן געהאט צוטאן מיט הויכע ענינים;

אבער מצד די בחי׳ פון דער ינוקא, קו האמצעי וואס איז עולה אין פנימיות הכתר, איז ער מרגיש אויך אן ענין חיצוני וואס פעלט אין חסד און גבורה, דער ענין אז עס פעלט דער "ריחא דלבושייכו", און דערפאר ווערט ער נמשך ווי ער שטייט מיטן גאנצן תוקף אין פנימיות הכתר ביז למטה מטה, און ער איז מתקן און משלים דעם חסרון אין זיי, דורך זאגן זיי וואס עס פעלט בא זיי.

קה. וויבאלד אז דער זהר דערציילט דעם סיפור, און ס׳איז געווארן א חלק פון תושבע"פ, איז פארשטאנדיק אז דערפון קען מען ארויסנעמען א הוראה אין עבודת כאו"א:

סדר העבודה דארף זיין, אז "לא הביישן למד ולא הקפדן מלמד"[329]:

בשעת ער זעט א חסרון בא יענעם דארף ער אים זאגן זיין חסרון און אויפמאנען ביי אים אז ער זאל דאס מתקן זיין און משלים זיין, ווארום עס דארף דאך זיין "צדיק[330] באמונתו יחי׳", ניט "צדיק באמונתו יחַי׳"[331] - עס דארף דורכנעמען זיין פנימיות, און אויב מ׳וועט אים ניט זאגן וואס זיין חסרון איז, איז אוממעגליך אז ער זאל דאס מתקן זיין און משלים זיין בפנימיות.

אבער לאידך גיסא איז "לא הקפדן מלמד":

בשעת ער איז יענעם מוכיח, אז יענער זאל מתקן זיין און משלים זיין א חסרון וואס איז ביי אים פאראן - דארף אין דעם זיין "שמאל דוחה"[332] מיט דער "יד כהה"[333], ווי דער אלטער רבי זאגט[334].

- וואס -

---

328) ב"ק כח, ב. וש"נ. 329) אבות פ"ב מ"ה. 330) ל׳ הכתוב - חבקוק ב, ד. 331) ראה לקו"ד כרך א קמא, ב. לקו"ש ח"ב ע׳ 475. 332) סוטה מז, א. סנהדרין קז, ב. 333) 333) כנהות לז, א. פרש"י עה"פ בא יג, ט. וראה עיון יעקב לע"י סוטה שם. 334) בהל׳ ת"ת פ"ד סי"ז.

וואס דאס איז דער ענין פון דעם קו האמצעי אין עבודת האדם - אז ער איז ממשיך פון למעלה מעלה אין למטה מטה, ביז אז ער איז מתקן און משלים אלע חסרונות וואס זיינען פאראן.

וואס דאס טוט מען אויף דורך דעם ענין ההורה, ווארום הורה איז דאך ענינה "הלא כה דברי כאש"[335] - אז די תורה געפינט זיך דא למטה פונקט ווי זי איז למעלה,

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[336], אז אפילו נאך דערויף וואס די תורה איז "נסעה וירדה" מלמעלמ"ט, און האט זיך אנגעטאן "בדיו על הספר", ביז אין טענות של שקר, זה אומר כך וזה אומר כך - איז דארטן גופא פועל'ט זי א בירור אין דעם תחתון.

ועי"ד ווי געבראכט פריער (סו"ם פז) בנוגע צו דער מנורה, אז פונקט ווי זי איז געווען למעלה אזוי איז זי נמשך געווארן דא למטה צו משה רבינו, "וראה ועשה בתבניתם אשר אתה מראה בהר".

קו. ענין הנ"ל (אז דער קו האמצעי ווערט נמשך למטה מטה ווי ער שטייט למעלה מעלה) האט אויך א קישור מיט די ענינים המדוברים לעיל:

מ'האט פריער גערעדט אן ענין אין פרש"י עה"ת, וואס פרש"י עה"ת האט א שייכות מיט תושב"כ, כידוע אז בכלל דארף מאך זיין "שנים מקרא ואחד תרגום", אבער "אם למד הפרשה בפירוש רש"י חשוב כמו תרגום"[337],

און דער ענין פון תושב"כ איז דאך דער קו האמצעי, כנ"ל.

מ'האט אויך גערעדט אן ענין אין זהר, וואס אויפן ספר הזהר שטייט[338] אז "בהאי חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר כו' יפקון בי' מן גלותא ברחמים", וואס דער ענין פון "ברחמים" איז דער קו האמצעי.

מ'האט אויך גערעדט אן ענין אין פרקי אבות, אין "מילי דחסידותא"[339], דער ענין פון לפנים משורת הדין[340], וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט "ושבי' בצדקה"[341].

און מ'האט אויך גערעדט אן ענין אין הלכה (אין הלכות

- ביהב"ח -

---

335) ירמי' כג, כט. 336) פ"ד ופ"ה. 337) טושו"ע או"ח סרפ"ה ס"ב. וראה שו"ע אדה"ז שם. 338) זח"ג קכד, ב ברע"מ. 339) ראה ב"ק ל, א. 340) ראה המשך תער"ב ח"ב פשע"ו (ע' תרעג). 341) ראה ל"ת להאריז"ל עה"פ. הובא ונתבאר בד"ה ציון במשפט דהתוועדות זו.

ביהב"ח), וואס הלכה ווערט נמשך למטה מטה אין עולם המעשה ווי דער ענין שטייט למעלה מעלה, און דערפאר איז אין א הלכה שנפסקה ניט שייך צו דינגען זיך, וויבאלד אז "דבר ה' זו הלכה".

און דערפון קומט מען צו "דבר ה' זו הקץ"[342], און ס'איז דאך "כלו כל הקיצין" - במילא קומט גלייך די גאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש.

קז. וואס דאס האט א קישור מיט דעם וואס מ'האט פריער גערעדט (סי"ט ואילך) אז בשבת חזון באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד", וואס דאס איז אויך ע"ד הנ"ל, אז ווי דער "מקדש דלעתיד" שטייט בנוי למעלה, באווייזט מען אים לכאו"א דא למטה,

ביז אין אן אופן ע"ד ווי "רוח ה' דבר בי ומלתו על לשוני"[343] וואס דאס איז דא בגלוי ביי א נביא, וואס אע"פ אז "חכם עדיף מנביא"[344], אבער אין דעם פרט אז אלקות שטייט בגלוי ביי א נביא דא למטה, האט א נביא א מעלה לגבי א חכם.

און אע"פ אז נאר יחידה שלו זעט דעם "מקדש דלעתיד" דא למטה - איז אבער יחידה שלו עיקר מציאותו, ווארום יחידה איז דער ניצוץ בורא וואס איז דא אין אים[345],

און ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון גופא וואס מ'זאגט אז מ'באווייזט "לכאו"א המקדש דלעתיד", וואס דאס טוט מען דאך ניט סתם אזוי צו אים באווייזן דאס - נאר בכדי אז דאס זאל פועל'ן אויף עבודתו במעשה בפועל דא למטה, און אפילו אויב ער טוט נאר א חלק פון דער עבודה וואס דארף ארויס-קומען דערפון, איז דאס אבער א חלק פון דער גאנצער זאך.

קח. אין פשוט'ע אותיות:

דורך דערויף וואס אידן טוען עבודתם נאך אין די לעצטע רגעים פון גלות, ובפרט אז מ'האט דעם נתינת כח דערצו פון דעם שבת וואס דעמולט באווייזט מען "לכאו"א המקדש דלעתיד", וואס דאס איז א טעימה בערב שבת פון דעם תבשיל וואס וועט זיין ביום השבת, אין דער גאולה האמיתית והשלימה -

ווערט אויפגעטאן אז עס זאל נתגלה ווערן בפשטות דער ביהמ"ק השלישי, "מקדש אד' כוננו ידיך", וואס ער וועט זיין א בית עולמים, א בית נצחי[346], און א "בית לדורי הדורות".

- און -

---

342) שבת קלה, ב. 343) ש"ב כג, ב. 344) ב"ב יב, א. 345) ראה לקו"ת ר"ה כז, א. מע"ח שמ"א (שער דרושי אבי"ע) פ"א. 346) ראה זח"א כח, א.

און דאס היילט מען נאכמער צו דורך דערויף וואס מ'טוט אין "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", און "לב בנים על אבותם", על אבינו שבשמים.

וואס דאס איז דאך א סימן אז אלי' הנביא קומט צו-גיין, ווארום ער וועט דאס אויפטאן, "הנה אנכי שולח לכם את אליהו הנביא גו' והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם", און ווי די משנה דערציילט אין סוף מסכת עדיות, אז "אין אלי' בא . . אלא . . לקרב המרוחקין".

און אלי' הנביא וועט מבשר זיין די גאולה, און גלייך קומט משיח צדקנו, ביז אפילו אין דעם שבת גופא, און די אלע שאלות ווי קען משיח קומען בשבת וכו' - וועט שוין משיח ענטפערן בשעה ער וועט קומען[347].

און עס וועט זיין "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל", במהרה בימינו ממש ובעגלא דידן.

* * *

קט. מ'וויל דאך אז די אלע ענינים המדוברים לעיל אין דער התוועדות זאלן אראפקומען אין מעשה בפועל - וועלן די מסדרים אויף דורכפירן די אלע ענינים בפועל מיטנעמען די מזונות פון דער התוועדות.

און אזוי ווי מ'פלעגט זאגן, אז צוזאמען מיט די "חטה" (מזונות) גיט מען אויך יין - וועלן זיי אויך מיטנעמען פון דעם יין פון דער התוועדות.

אבער אזוי ווי מ'האלט דאך אינמיטן פון די ניין טעג, וואס דעמולט זיינען דא די הגבלות אויף יין כפשוטו - זועלן זיי מיטנעמען "יין שרף", וואס בלשון העולם ווערט דאס אויך אנגערופן בשם "יין", אבער אויף דעם זיינען ניטא די הגבלות פון די ניין טעג.

אויף דעם זיינען אבער יע דא די הגבלות וואס מ'האט שוין גערעדט כמ"פ, אז די וואס זיינען פאר ארבעים שנה זאלן זיך מגביל זיין בנוגע צו טרינקען משקה, אפילו אין "מועדים לשמחה", ובפרט אין די ניין טעג.

וואס דאס איז נוגע במיוחד צו בחורים, וויבאלד אז זיי זיינען אין די ימי החמימות; זאלן זיי יוצא זיין דערמיט וואס זיי וועלן זיך צוקוקן ווי אן עלטערער חסיד רירט זיך צו צו א קעלעשיק, אבער זיי אליין זאלן ניט טרינקען, און דוקא דעמולט ווען ער טרינקט ניט, איז ער א גוטער בחור און א גוטער תמים!

- און -

------------

347) ראה לקו"ש ח"א ע' 272.

און דאס וואס מ'רעדט ניט וועגן דעם בא יעדער התוועדות, איז ניט דערפאר (ווי אנדערע טועים ומתעים און שוטים מיינען) וואס ס'איז געווארן אין דערויף א שינוי לקולא - נאר אדרבה: אויב ס'איז יע געווארן א שינוי איז דאס לחומרא אז אנשטאט מ'זאל מעגן נעמען פיר כוסות, זאל מען נעמען נאר דריי כוסות,

און ניט פראווען קיין קונצן און נעמען דריי כוסות גדולות, און אפילו ניט דריי כוסות אמצעיות - נאר מ'מיינט טאקע דריי כוסות קטנות!

און די וואס קענען זיך ניט איינהאלטן ובפרט אין די-נייען טעג איז דאס ניט מצד ענינים פון קדושה וחסידות - נאר זיי זיינען אזוי ווי די וואס טוען דאס אין רשות הרבים, ווארום זיי זיינען ניט קיין בעלי-בתים אויף זיך, און זיי קענען זיך ניט איינקערן מיט זייער נפש הבהמית.

קי. און די וואס זיינען נאך ארבעים שנה, וואס דעתוי סתים ושכיך[348] - מעגן טאקע יע טרינקען;

זיי דארפן אבער ניט מיינען אז זיי זיינען יוצא דערמיט וואס מ'האט זיי ממנה געווען צו זיין משפיעים וכו', און בשעת איינער קומט קלאפן אים אין טיר און וויל אים פרעגן א שאלה - שלאפט ער א שינה נעימה, און וויל זיך ניט מטריח זיין גיין אויפעפענען די טיר און יענעם ענטפערן אויף זיין שאלה,

און אפילו בשעת יענער קלאפט שטארקער אין טיר - בלייבט ער שלאפן,

דוקא ווען יענער קלאפט אזוי שטארק אין טיר אז די טיר וועט זיך באלד צוברעכן - האט ער קיין ברירה ביט וואדום יענער וועט טיי-ווי ארייינקומען צו אים, און ער גייט עפענען די טיר, און ער ענטפערט אים אויף זיין שאלה.

אבער ווי ענטפערט ער אים - ער ענטפערט אים מיט אותיות דקות, וואס ער אליין פארשטייט ניט וואס זיי מיינען! יחידה שבנשמה און חי' שבנשמה פארשטייען וואס זיי מיינען - אבער שכל הפשוט פארשטייט ניט וואס זיי מיינען.

ער ענטפערט אים טאקע הויכע ענינים, און טיפע ענינים און הפשטה'דיקע ענינים - אבער ווי יענער זאל דערפון קענען ארויסנעמען א בכן און ווי ער זאל דאס קענען אראפברענגען אין זיין עבודה בפועל איז ער אים ניט מסביר, און במילא

- קומט -

---

348) דאה זח"ג קכח, ב.

קומט עס טאקע ניט אראפ אין א בכן און אין כעשה בפועל.

וואס דערפון גופא איז פארשטאנדיק, אז די הבנה פון דעם וואס האט אים דאס מסביר געווען איז ניט קיין הבנה כדבעי, כמבואר אין תניא פרק ה' וואס הבנה כדבעי איז,

וכמבואר אין חסידות[349] אז די בחינה אויף א דבר שכל, צי ער איז אויסגעהאלטן און טאקע פארשטאנדיק כדבעי, איז - אויב דאס קומט אראפ אין א בכן און אין מעשה בפועל;

בשעת אבער ער איז מסביר דעם וואס פרעגט די שאלה מיט אותיות נעלות און אותיות דקות, און יענער פארשטייט ניט ווי דאס קומט אראפ אין עבודה בפועל - איז א ראי' אז ביי אים איז די הבנה אין דער זאך ניט כדבעי.

וואס דערפאר בשעת איינער קומט פרעגן א שאלה, דארף ער אים ניט ענטפערן מיט אותיות וואס יענער פארשטייט זיי ניט, און ער אליין פארשטייט זיי אויך ניט כדבעי, כנ"ל - נאר ער דארף אים ענטפערן אין אותיות פון נגלה, און דערנאך אין אותיות פון עבודה.

וואס אזוי דארף זיין די הנהגה בא כאו"א לפי ענינו - בא רבנים, משפיעים וכו', ביז אויך בא שוחטים, וכידוע די שיחה, אז א שוחט איז ניט סתם א "סקאטאבאיניק", נאר אויך ער האט אן עניין אין עבודת ה' וואס ער טוט אויף דורך שחיטה: ער דארף אראפנעמען די "סירכא" פון דער נה"ב[350], דורך אנטרינקען איר מיט "אין מים אלא תורה"[351], און עד"ז פועל'ן אויף סביבתו.

ועד"ז בנוגע צו כאו"א לפי די ענינים מיט וועלכע ער האט צו טאן בחלקו בעולם.

ויותר ממה שקראתי לפניהם כתוב כאן[352] - ואין כאן המקום להאריך בזה.

קיא. דער עיקר איז "טאפארו דא פלאחו"[353]:

מיטנעמענדיק דאס וואס מ'האט גערעדט בא דער התוועדות, און די מזונות און יי"ש פון דער התוועדות - זאל מען מאכן אן אסיפה ווי צו דורכפירן די אלע ענינים המדוברים לעיל באופן הכי שטורעם'דיק.

- ועד"ז -

---

349) ראה סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א. ה'ש"ת ע' יא. תש"א ע' 57. ובכ"מ. 350) ראה לקו"ד כרך ד תשיט, סע"ב ואילך. 351) ב"ק יז, א. וש"נ. 352) ל' חז"ל - יומא סח, ב במשנה. 353) ראה ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע' 69. ובכ"מ.

ועד"ז בנוגע צו די ענינים וואס מ'האט גערעדט ביום ה' ווי צו אויסנוצן די נייך טעג, און דערנאך - אויך די טעג ביז ט"ו באב.

וואס אע"פ אז מ'האט דעמולט גערעדט בפשטות צו גאר קליינע קינדער פאר בר-מצוה און בת-מצוה - איז אבער די כוונה אין די רייד אויך געווען אז עס זאל זייך "שיפעלו הדברים בי" - מ'האט גערעדט צו דעם "קטן" שבכאו"א.

ונוסף לזה איז די רייד אויך געווען פאר גדולים כפשוטו.

און כאו"א זאל זיך משתתף זיין אין דער אסיפה, וואס דעמולט וועט מען האבן ניט נאר די דעה פון איינעם ווי צו דורכפירן די ענינים און זיי אראפברענגען למעשה בפועל, נאר מ'וועט האבן אויך נאך דעות,

ווארום בשעת יעדערער וועט זיך משתתף זיין אין דעם, איז וועט איינער וועט זאגן איין זאך, וועט א צווייטער גלייך זאגן א סברא אחרת, און א דריטער וועט זאגן איפכא מסתברא, וואס דעמולט וועט מען האבן דעם "שלשה שאכלו על שלחן אחד",

און פארשטייט זיך אז מ'וועט מחליט זיין וואס צו טאן לויט ווי די רבים האלטן, ווארום "אחרי רבים להטות"[354], רבים בכמות אדער באיכות.

דער עיקר איז אבער אז מ'זאל אראפברענגען די אלע ענינים למעשה בפועל, און מ'זאל אויפשטורעמען די גאנצע וועלט וועגן די ענינים המדוברים לעיל, כאו"א בכל מקום שידו מגעת.

אנהויבנדיק פון דעם וואס מ'וועט גלייך היינט אנהויבן טאן, דורך מפרסם זיין נאך היינט (אין די אופנים ווי מ'קען דאס טאן) וועגן דעם וואס מ'האט דא גערעדט,

און דערנאך, א רגע אדער א שעה נאך שבת - אויך מפרסם זיין דאס בכל מקום וואו מ'קען דערגרייכן.

און דער עיקר איז ניט די מחשבה, אז מ'וועט טראכטן וועגן וואס עס-האט זיך דא גערעדט, און ניט דער דיבור, אז מ'וועט איבערחזר'ן אין אותיות הדיבור וואס עס האט זיך דא גערעדט - נאר דער עיקר איז די מעשה בפועל.

און צי מ'וועט מיטנעמען פון דער התוועדות אדער ניט - דער עיקר אבער איז אז מ'זאל טאן!

- קיב. -

------------

354) משפטים כג, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

קיב. וכאמור, במיוחד רעדט מען דא וועגן אויסנוצן די נייך טעג, אויף צו מוסיף זיין אין די אלע דריי קוין, תורה עבודה און גמילות חסדים, מיט די אלע פרטים שבזה, ווי מ'האט פריער גערעדט.

און דערנאך אזוי ממשיך זיין טאן ביז צו ט"ו באב, וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים שבהן בנות ירושלים (אדער ווי די צווייטע גירסא[355] - "בנות ישראל") יוצאות . . וחולות בכרמים, ומה היו אומרות בחור שא נא עיניך וראה מה אתה בורר לך כו'"[356].

וואס "בנות ישראל" גייט אויף כנסת ישראל, וואס זיי זיינען "יוצאות וחולות בכרמים" און זאגן צו דעם אויבערשטן, וואס ער איז דער "בחור", כמ"ש[357] "בחור ארזים", "שא נא עיניך כו'", זיי זיינען ממשיך "באור פני מלך חיים"[358],

און דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין פון נישואין צווישן כנסת ישראל מיט דעם אויבערשטן, ניט נאר דער ענין פון אידוסין וואס איז איצטער דא, נאר דער ענין פון נישואין וואס וועט זיין לע"ל (כמבואר אין מדרש[359]),

און ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל[360], אז איצטער זיינען אלע גילויים נאר פון חיצוניות עתיק, משא"כ לע"ל וועט זיין דער גילוי פון פנימיות עתיק.

און די נישואין צווישן אידן מיטן אויבערשטן, איז בנוגע צו אלע פיר דרגות אין אידן, "ראשיכם שבטיכם", "הוטב עציך" און "שואב מימיך", "טפכם" און "נשיכם", ע"ד ווי די פיר סוגים פון "בנות ישראל" וואס די גמרא[361] רעכנט אויס.

און דעמאך ווערט "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם כו'", דער אויבערשטער זיצט אינמיטן דעם טאנץ פון אידן, "וכל אחד ואחד מראה באצבעו שנאמר[362] ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה' קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו", די אידן אין דעם טאנץ ווייזן אן אויפן אויבערשטן מיטן פינגער, און זאגן[363] "הנה אלקינו זה . . זה ה' גו'", ב' פעמים זה[364].

וואס כל זה זאל זיין במהרה בימינו ממש - נאך פאר חמשה עשר באב בשנה זו.

- ובפרט -

------------

355) ראה שינויי נוסחאות למשניות, וש"נ. 356) משנה סוף מס' תענית (כו, ב). 357) שה"ש ה, טו. 358) משלי טז, טו. 359) שמו"ר ספט"ו. 360) פע"ח שער הק"ש פט"ו. וראה לקו"ת שה"ש בסופו (נא, ג). 361) תענית לא, א. 362) ישעי' כה, ט. 363) ראה פרש"י תענית שם. 364) ראה שמו"ר ספכ"ג.



הנחת הת' בלתי מוגה

ובפרט אז שנה זו איז א שנה השמיטה, "שבת לה׳", וואס דערפון גייט מען אריין אין א שנה הקהל, וואס דעמולט קלייבט מען צוזאמען אלע אידן, כולל אויך "הטף"[365] וואס דאס איז מדגיש דעם ענין פון אהבת ישראל, וואס אהבת ישראל איז כולא חד מיט אהבת ה׳, "ואהבת את ה׳ אלקיך"[366].

קיג. און המעשה הוא העיקר - דער עיקר איז אז דאס אלעס זאל אראפקומען דא למטה אין תחתונים, וואס נתאוה הקב"ה להיות לו ית׳ דירה בתחתונים[367], און אין א דירה איז דר דער עצמות פון דעם וואס לעבט דארטן[368],

ווארום דער אויבערשטער געפינט זיך דארטן וואו תורה געפינט זיך, און "תורה לא בשמים היא"[369], תורה געפינט זיך דוקא למטה אין תחתונים, און דארטן וואו אידן געפינען זיך, וואס אידן געפינען זיך אויך דוקא למטה אין תחתונים,

און אין פשוט׳ע אותיות - "ישראל אורייתא וקוב"ה" זיינען "כולא חד"[370].

און דאס וועט נתגלה ווערן בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו, וואס ער וועט פירן יעדער אידן און אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[371], אין דער גאולה האמיתית והשלימה,

במהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

נתן המזונות ויי"ש עבור האסיפות.

---

365) וילך לא, יב. 366) סה"ש ה׳ש"ה ע׳ 3. 367) ראה תנחומא נשא טז. בחוקותי ג. במדב"ר פי"ג, ו. תניא רפל"ו. 368) ראה אוה"ת בלק ע׳ תתקצז. סה"כ הרע"ח ע׳ קצג. ובכ"מ. 369) ב"מ נט, ב. 370) ראה זח"ג עג, א. 371) ל׳ הכתוב - בא י, ט.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

בס"ד.

שיחה להתלמידים ולהתלמידות שיחיו
- בבית הכנסת, אחרי תפילת מנחה -
יום א' פ' ואתחנן, ז' מנחם-אב ה'תש"מ.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1].]

ב. היינט איז דער זיבעטער טאג אין חודש מנחם-אב.

וואס דער זיבעטער טאג אין חודש מנחם-אב איז דאך איינער פון די נייען טעג פון אנהויבס חודש מנחם-אב, און איינער פון די טעג פון די דריי וואכן פון "בין המצרים";

ער טיילט זיך אבער אויס פון די אנדערע טעג אין דער תקופה - ווי דערציילט אין תנ"ך[2] און ערקלערט אין גמרא[3], אז "בחודש החמישי (חודש מנחם-אב) בשבעה לחודש" איז "נכנסו נכרים להיכל ואכלו ושתו[4] וקלקלו בו".

וואס דאס איז געווען, דער אנהויבס פון חורבן ביהמ"ק. ד.ה. אז אין דעם טאג האט זיך אויפגעטאן אז ניט נאר וואס ס'איז דא דער חורבן פון ארץ ישראל, דער חורבן פון דער לאנד, און דער חורבן פון ירושלים, דער חורבן פון דער שטאט - נאר אויך "נכנסו . . <u>להיכל</u>" פון דעם ביהמ"ק, דער אנהויבס פון חורבן ביהמ"ק.

און ס'איז פארשטאנדיק די הארבקייט פון דעם חלק פון חורבן -

ווארום כל זמן דער ביהמ"ק איז גאנץ, ווערט סוכ"ס אויך בטל דער חורבן פון ארץ ישראל און פון ירושלים,

ובמילא איז אויך פארשטאנדיק פון דער צווייטער זייט - וואס פאר א ירידה וחורבן עס איז געווען אין דעם טאג פון ז' מנחם-אב ווען "נכנסו נכרים להיכל כו'" און עס האט זיך אנגעהויבן דער חורבן פון ביהמ"ק.

וואס דערפאר איז דער טאג פון ז' מנחם-אב אן עיקר אין די טעג וואס זיינען פארבונדן מיטן חורבן, ביז - אז עס זיינען דא באשטימטע דינים ווי מ'דארף זיך פירן אנהויבנדיק פון ז' מנחם-אב[5].

ג. בשעת תורה זאגט אונז אן אז מ'זאל זיך דערמאנען אויף - א זאך -

------------

1) נדפסו בחוברת "י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, תשל"ו). 2) מ"ב כה, ח. 3) תענית כט, א. 4) כ"ה בע"י כאן. יל"ש עה"פ (רמז רנא). ועוד. - ראה דק"ס לתענית שם. 5) מג"א או"ח סתקנ"ד סק"ט. שע"ת סתקנ"א סקכ"ח.

א זאך וואס האט געטראפן אמאל, און אין אונזער פאל - אז מ׳זאל זיך דערמאנען אויפן חורבן, און ניט נאר זיך דערמאנען אין דעם, נאר מ׳זאל אויך באווייזן, דורך אונזער אויפפירונג, אז מ׳לעבט טיף איבער דעם חורבן, ביז וואנעט אז דאס האט א ווירונג אויפן עסן און טרינקען און אויפפירן זיך -

גיט תורה דערביי אויך די ערקלערונג, אז ניט מ׳זאל בלייבן בא דעם דערמאנען זיך און איבערלעבן אליין - נאר וויבאלד אז דער תכלית פון ירידת הגלות איז ירידה צורך עלי׳, דערפאר דארף דער דערמאנען זיך און איבערלעבן דעם חורבן ברענגען אז מ׳זאל גלייך אנהויבן טאן און פאריכטן די (זאכן וואס זיי זיינען געווען די) סיבה וואס האט געבראכט דעם חורבן.

און בשעת עס ווערט בטל די סיבה וואס האט געבראכט דעם חורבן, איז זעלבסטפארשטענדליך אז עס ווערט גלייך בטל דער מסובב, די זאך וואס איז געקומען דורך דער סיבה - דער חורבן,

און עס קומט די גאולה האמיתית והשלימה, די אמת׳ע און פולקאמענע אויסלייזונג, דורך משיח צדקנו,

וואס יבנה מקדש במקומו[6], און אין דער זעלבער צייט איז "בונה ירושלים ה׳"[7], דער אויבערשטער בויט אויף גאנץ ירושלים, און "נדחי ישראל יכנס"[7], ער קלייבט צוזאמען יעדער אידן און אלע אידן פון גלות, און ברענגט זיי אין "ירושלים" און אין דער גאנצער און פולקאמענער ארץ ישראל - וואורום "עהידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל"[8].

ד. האמור לעיל איז דאך אנגעזאגט געווארן יעדער אידן און אלע אידן;

אין דערויף גופא דערציילט אונז תורה, אז אידישע קינדער האבן געהאט א ספעציעלע חשיבות אין דעם זמן החורבן (ווי אויך געדעדט פריער[9]):

עס שטייט אין מדרש[10]: "בא וראה כמה חביבין תינוקות לפני הקב"ה, גלתה סנהדרין ולא גלתה שכינה עמהם, גלו משמרות (כהונה ולוי׳) ולא גלתה שכינה עמהם, כיון שגלו התינוקות, גלתה שכינה עמהם, הדא הוא דכתיב[11] עולליי׳ הלכו

- שבי -

------------

6) רמב"ם הל׳ מלכים ספי"א. 7) תהלים קמז, ב. וראה יל"ש ריש ירמי׳ (רמז רנט). 8) יל"ש ישעי׳ רמז תקג. 9) בהשיחה להתלמידים ו[illegible]מידות - יום ה׳, ד׳ מנ"א ס"ו ואילך. 10) איכ"ר [illegible] ב-לג. 11) איכה א, ה-ו.

שבי לפני צר - מיד ויצא מבת ציון כל הדרה ("הדרה זה הקב"ה"[12])":

אפילו ווען די סנהדרין זיינען שוין אוועקגעגאנגען אין גלות, און אפילו ווען די משמרות זיינען שוין אוועקגעגאנגען אין גלות - איז דאס נאך ניט געווען דער אמת׳ער גלות, מ׳האט זיי נאך געקענט גלייך צוריק אומקערן אין ירושלים און אין ביהמ"ק, ווארום "לא גלתה שכינה עמהם", דער אויבערשטער איז נאך געבליבן אין "ציון" (ירושלים) און אין גאנץ ארץ ישראל;

בשעת אבער אידישע קינדער זיינען אוועק אין גלות - דעמולט איז אויך דער אויבערשטער געגאנגען (מיט זיי) אין גלות, און דערמיט האט מען געוואוסט אז עס האט זיך אנגעהויבן דער גלות.

ה. דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אויבנדערמאנטע נקודה - אז בשעת מ׳דערמאנט זיך און מ׳לעבט-איבער דעם חורבן, דארף מען גלייך טאן אין פאריכטן די סיבה וואס האט געבראכט דעם חורבן - האט א שייכות מיוחדת צו אידישע קינדער:

בשעת מ׳שטייט אין דעם טאג פון ז׳ מנחם-אב, און מ׳דערמאנט זיך אז דעמולט איז "נכנסו נכרים להיכל ואכלו ושתו וקלקלו בו" - דערמאנט מען זיך גלייך אויך, אז דער גלות און חורבן איז פארבונדן מיט דער אויפפירונג פון אידישע קינדער, אז דוקא ווען די זיינען געגאנגען אין גלות, דוקא דעמולט איז אויך דער אויבערשטער געגאנגען אין גלות, און דערמיט האט מען געוואוסט אז עס האט זיך אנגעהויבן דער גלות,

און בשעת אידישע קינדער פירן זיך אויף אין אן אופן אז זיי פארדינען ניט אז זיי זאלן גיין אין גלות ח"ו - איז ניט נאר וואס זיי גייען ניט אין גלות, נאר בזכותם קערט מען אום צוריק פון גלות אויך די סנהדרין און די משמרות, ווארום צוליב דעם וואס די קינדער זיינען ניט ארויס פון ביהמ"ק און פון ירושלים און פון גאנץ ארץ ישראל, איז אויך דער אויבערשטער ניט ארויס פון דארטן.

ו. און וויבאלד אז מ׳דערמאנט זיך און מ׳לעבט-איבער אז דער הורבן, האט א שייכות מיוחדת מיט דער אויפפירונג פון אידישע קינדער,

און דער תכלית פון דער ירידה וחורבן איז ירידה צורך

- עלי׳ -

------------

12) איכ"ר שם, לג.

עלי׳, אז מ׳זאל גלייך טאן אין אלע וועגן, און מיט א גאר גרויסע שטארקייט, אויף צו מבטל זיין די סיבה וואס האט געבראכט דעם חורבן (כנ"ל) -

האט מען דערפון א דירעקטע אפלערנונג, אז צום אלעם ערשטן דארפן די קינדער מבטל זיין די סיבה פון גלות, דעם "חטאינו", דורך דערויף וואס זיי וועלן צוגעבן אין לערנען תורה און אין מקיים זיין אירע מצוות.

וואס דאס וועט אפשוואכן, און דערנאך אינגאנצן מבטל זיין, דעם "חטאינו", די סיבה פון "גלינו מארצנו", די סיבה פון דעם גלות.

און וויבאלד אז אידישע קינדער שטייען אין א צושטאנד אז זיי היטן אפ די הייליקע זאכן פון אידן, תורה און מצוות - היטן זיי אויך אפ דעם ביהמ"ק, אנהויבנדיק פון דעם "היכל".

וואס דורך דערויף ווערט אויך נתבטל דער גלות פון ירושלים און פון גאנץ ארץ ישראל.

און בשעת זיי טוען דאס מיטן גאנצן שטורעם - שטורעמען זיי אויף די לעצטע שרידים (שיריים) פון דעם גלות,

און (בלשון פון דעם רמב"ם[13]) - "מיד הן נגאלין", זיי ברענגען גלייך די אמת׳ע גאולה, דורך משיח צדקנו.

און עס ווערט אויפגעבויט דער היכל מיטן גאנצן ביהמ"ק, און - עס ווערט אויפגעבויט גאנץ ירושלים, ביז אז זי ווערט גרעסער און גרעסער אז קיין חומה קען איר ניט איינהאלטן - "פרזות תשב ירושלים"[14],

און עס ווערט אויפגעבויט ארץ ישראל לגבולותי׳, "שלימות הארץ", ווארום זי ווערט פארבונדן מיט יעדער איד און מיט אלע אידן, "שלימות העם", דורך אידישע קינדער, וואס זיי האלטן זיך אין "שלימות התורה", אין דער גאנצקייט פון תורה.

ז. האמור לעיל איז די כללות ההוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון דער שייכות פון אידישע קינדער מיטן חורבן און גלות - אז זיי דארפן טאן אין מבטל זיין די סיבה פון דעם גלות;

דערנאך קומט צו די הוראה ביוחדה וואס מ׳נעמט ארויס פון ז׳ מנחם-אב, וואס דעמולט איז "נכנסו נכרים להיכל ואכלו ושתו וקלקלו" - אז מ׳דארף מבטל זיין דעם ענין במיוחד.

וואס דאס טוט מען אויף - דורך דערויף וואס בא אידישע

- קינדער -

---

13) הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 14) זכרי׳ ב, ח. וראה פרש"י שם.

קינדער אין זייער טאג-טעגליכן לעבן (ווי זיי האבן אויך געטאן היינט בא דעם צוזאמענקלייבן זיך) איז דא דער "אכלו" ווי עס דארף זיין: בשעת זיי עסן מאכן זיי א ברכה פאר דעם עסן, און אויב זיי האבן געגעסן א שיעור מאכן זיי א ברכה (אויך) נאך דערויף,

און עד"ז בנוגע צו "שתו".

און אנשטאט "קלקלו" - איז יעדערער פון זיי מתקן זיין אויפפירונג, במילא איז דאס אן אויפפירונג וואס פאריכט זיי אליין, און פאריכט זייער לעבן אין זייער אייגענער הויז, און פאריכט דעם בית ישראל, די הויז פון אלע אידן.

ביז אז דאס ברענגט אראפ דעם ביהמ"ק בגלוי, גאר אינגיכן, דורך משיח צדקנו.

ח. ובפרט אז בא דעם צוזאמענקלייבן זיך, איז נוסף לזה וואס בא די קינדער איז געווען היפך פון "אכלו ושתו וקלקלו" וואס איז געווען ווען "נכנסו נכרים להיכל", כנ"ל -

האט מען דאס אויך פארבונדן מיט אן ענין פון תפלה - מ'האט אלע צוזאמען געדאווענט מנחה, וואס תפלת המנחה איז ספעציעל פארבונדן מיט אליהו הנביא[15], וואס ער וועט אנזאגן די בשורה פון משיח'ס אנקומען,

און מ'האט דאס אויך פארבונדן מיט אן ענין פון תורה, דורך חזר'ן (און מיט א לעבעדיקייט, און אין אן אופן אז עס זאל זיך הערן אומעטום וואו מ'קען דערגרייכן), פסוקים פון תושב"כ, און אויך מאמרים פון תושבע"פ,

און אויך מאמרים פון פנימיות התורה, פון תניא, וואס דארטן ווערן ערקלערט ענינים וואס רעדן זיך אין זהר, וואס משה (רעיא מהימנא) האט אנגעזאגט[16], אז "בהאי חיבורא דילך דאיהו ספר הזהר כו' יפקון בי' מן גלותא ברחמים" - אז דורך לערנען וואס עס שטייט אין דעם ספר הזהר וועלן אידן ארויסגיין, גאר אינגיכן, פון דעם גלות, און "ברחמים" - אין א גוטן אופן, און אין אן אופן וואס אלע בלייבן גאנץ,

און דאס טוט זיך אויף, כנ"ל, גאר אינגיכן - "מיד הן נגאלין".

* * *

ט. האמור לעיל איז אויך פארבונדן מיטן שיעור תהלים פון היינטיקן טאג, דער זיבעטער טאג אין חודש (מנחם-אב):

- בשעת -

---

15) ברכות ו, ב. 16) זח"ג קכד, ב ברע"מ. נתבאר באגה"ק סכ"ו.

בשעת מ׳זאגט א אידן אז אע"פ וואס ער געפינט זיך אין גלות, איז אויב אבער ער וועט זיך אויפפירן ווי עס דארף צו זיין, וועט גלייך קומען משיח צדקנו (ווי געדעדט פריער) - ווערט ביי אים אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי קען פאסירן אזא זאך: ער געפינט זיך דאך אין גלות אזוי פיל הונדערטער יארן, איז ווי מיטאמאל וועט קומען משיח צדקנו (דורך דערויף וואס ער וועט זיך אויפפירן ווי עס דארף צו זיין), און עס וועט גלייך זיין די גאולה האמיתית והשלימה, אלץ אין אן אופן פון "נגאלין מיד"?!

איז די שאלה פרעגט דוד מלך ישראל [וואס ער איז "חי וקיים" אויך איצטער[17]] אין זיין ספר התהלים [וואס דאס זיינען "זמירות ישראל"[18] וואס ער האט געזאגט אלס א שליח פון יעדער אידן און פון אלע אידן], אין היינטיקן שיעור תהלים, און ער פארענטפערט דאס:

ער זאגט[19] "אבואה אל מזבח אלקים", איך קום צוגיין צו דעם מזבח אין דער בית המקדש,

און דעמולט ווערט גלייך "מה תשתוחחי נפשי ומה תהמי עלי"[20]: א אידישע נשמה ווערט "תהמי", און הויבט אן איבער-טראכטן און זיין פאראומרט - ווי אזוי קען דאס פאסירן, אז נאך אזוי פיל הונדערטער יארן אין גלות זאל מיטאמאל איבער-געקערט ווערן מן הקצה אל הקצה, און אין דער זעלבער רגע, "מיד", זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה?!

און דוד המלך ענטפערט, בשליחותו של הקב"ה, און ער זאגט דאס פאר יעדער אידן (כנ"ל), אז "<u>מה</u> תשתוחחי נפשי <u>ומה</u> תהמי עלי הוחילי לאלקים":

וויבאלד אז "הוחילי לאלקים", מ׳פארלאזט זיך אויף דעם אויבערשטן, און מ׳האט בטחון אין דעם אויבערשטן - איז א זיכערע זאך אז "אבואה אל מזבח אלקים . . ואודך בכנור גו׳", אז מ׳גייט אריין אין דעם ביהמ"ק צו דעם מזבח, און דארטן זאגט מען שירות ותשבחות צו דעם אויבערשטן.

* * *

י. בקשר מיטן ביהמ"ק איז אויך דא א הלכה אין רמב"ם אין הלכות בית הבחירה, וואס פון איר קען מען (אויך) אפלערנען א הוראה אין דער אויפפירונג פון יעדער אידן:

בנוגע צו דעם ביהמ"ק זאגט דער רמב"ם[21]: "ומצוה מן

- המובחר -

17) ר"ה כה, א. 18) ר"ב כג, א. וראה שהש"ר פ"ד, ד (בהחלהו). 19) תהלים מ״ג, ד. 20) שם, ה. 21) הל׳ ביהב"ח פ"א הי"א.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

המובחר להזק את הבנין ולהגביהו כפי כח הציבור . . ומפארין אותו ומייפין כפי כחן, אם יכולין לטוח אותו בזהב ולהגדיל במעשיו הרי זה מצוה".

יא. דער לימוד דערפון פאר יעדער אידן:

בשעת דער אויבערשטער האט געשענקט א אידישן קינד, אן אינגעלע אדער א' מיידעלע, אדער אן ערוואקסענעם איד, מיט גרעסערע מעגליכקייטן פאר א צווייטן - אז עד (זי) האט מערער צייט, אדער א בעסערע קאפ, און א שנעלערע תפיסא, אדער ער (זי) באקומט פון די עלטערן מערער געלט אויף די הוצאות קטנות (אויף "אלאוועגס") מערער געלט ווי א צווייטער -

טאר ער (זי) ניט יוצא זיין דערמיט וואס ער (זי) וועט טאן אין זיין ביהמ"ק רוחני ווי עס טוט א קינד וואס האט ווייניקער מעגליכקייטן פאר אים אין זיין ביהמ"ק רוחני, לויט זיינע מעגליכקייטן (וואס וויבאלד די מעגליכקייטן זיינע זיינען קלענערע - איז די מצוה אויך אויף ווייניקער) - לערנען תורה אין א באשטימטער מאס, געבן צדקה אין א באשטימטער מאס וכיו"ב -

נאר ער (זי) מוז טאן לפי זיינע מעגליכקייטן, ווארום דאס גופא וואס דער אויבערשטער האט אים געשאנקען מיט בעסערע כשרונות, און די עלטערן גיבן אים מערער געלט וכיו"ב - דאס גופא באווייזט אז <u>זיין</u> מצוה איז, אז ער זאל טאן מערער און מערער,

ובלשון פון דעם רמב"ם - "ומפארין אותו ומייפין כפי כחן, אם יכולין לטוח אותו בזהב ולהגדיל במעשיו ה"ז <u>מצוה</u>" - דערביי איז ער מקיים אן "עקסטרע" מצוה וואס דער אויבערשטער האט געגעבן ספעציעל צו אים דורך שענקען אים ספעציעלע כחות.

און דערנאך, דורך דערויף וואס ער וועט טאן לויט <u>זיינע</u> מעגליכקייטן - וועט אים דער אויבערשטער געבן נאכמער פארשטאנד, און נאכמער מעגליכקייטן אויף מקיים זיין מצוות, וואס דעמולט וועט ער טאן אין זיין <u>גאנצער</u> אויפפירונג מערער ווי א צווייטער.

און ווי גערעדט אויף פריער[22] וועגן "קנאת סופרים הרבה חכמה"[23] - אז דורך דערויף וואס ער וועט זיך ניט באגנוגענען מיט טאן נאר אזוי ווי א צווייטער טוט, נאר ער וועט טאן

- ביתר -

------------

22) בשיחה הנ"ל סכ"ז. 23) ב"ב כא, א.

ביהר שאת וביתר עוז, מיטן גאנצן שטורעם, לויט די מעגליכקייטן וואס דער אויבערשטער האט אים געשאנקען - ווערט עס דעמולט לפי כחו ("כפי כחן") ולפי די מצוה אז ער זאל אזוי פיל טאן, וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אים געשאנקען מערער כחות און מעגליכקייטן.

*  *  *

יב. אין זהר פון הייינטיקער פרשה, פ׳ ואתחנן[24], שטעלט ער זיך אויף דעם וואס משה האט געזאגט דעם אויבערשטן[25] "אתה החילות להראות את עבדך את גדלך גו׳", אז דער אויבערשטער האט ערשט אין זיינע (משה׳ס) צייטן אנגעהויבן באווייזן זיין גרויסקייט, און פרעגט:

"יעקב שלים הוה כו׳": שוין פריער, פאר משה רבינו, איז געווען יעקב אבינו, און ער איז געווען א גרויסער צדיק - איינער פון די דריי אבות, און דער מובחר שבאבות[26], און אין זיינע צייטן זיינען אויך געווען נסים פון דעם אויבערשטן -

איז ווי קען משה זאגן אז ערשט אין <u>זיינע</u> (משה׳ס) צייטן איז "החילות להראות . . את גדלך גו׳"?!

און דער זהר פארענטפערט: "מה דהוה למשה לא הוה לב"נ אחרא, דהא אהעטר בשלימו יהיר בכמה אלף ורבבן מישראל כו׳":

אין די צייטן פון יעקב אבינו זיינען אידן געווען אין א קליינע צאל א סאך א קלענערע צאל ווי ששים ריבוא, ביז אז ווען זיי זיינען אריין אין גלות מצרים זיינען זיי געווען (נאר) "<u>שבעים</u> נפש"[27];

משא"כ אין די צייטן פון משה רבינו, זיינען אידן (שוין) געווען א ציבור פון מיליאנען אידן - ששים ריבוא מענער (בני עשרים עד ששים שנה), און נאכמער פרויען און קינדער[28],

וואס דערפאר איז ערשט דעמולט ווען דער אידישער פאלק איז געשטאנען אין אן אופן פון גרויסקייט, אויך אין צאל, און זיי זיינען געשטאנען אלע צוזאמען - הייסט דאס (און דאס איז) די אמת׳ע גדלות און גרויסקייט פון דעם אויבערשטן.

יג. די הוראה דערפון אין עבודת האדם פון יעדער אידן:

- יעדער -

------------

24) זח"ג רס, ב. 25) פרשתנו ג, כד. 26) ב"ר פע"ח, א. וראה זח"א קיט, ב. ועוד. 27) שמות א, ד. וראה גם ויגש מו, כז. 28) ראה שהש"ר פ"ג, ו [ד]. פ"ו, ט [ד]. ובכ"מ.

יעדער איד, און ערוואקסענער אַ־ער א קינד, דארף אויפטאן אז דער אידישער פאלק זאל שטיין צוזאמען.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס יעדער איד, און ספעציעל אידישע קינדער, לייגט זיך ארייך אין אהבת ישראל, אין פארבינדן זיך מיט אנדערע אידן, און ווי געזאגט פריער[22] - אז' יעדער קינד זאל זיך באפריינדן מיט וואס-מער קינדער, אינגעלעך מיט אינגעלעך, און מיידעלעך מיט מיידעלעך.

און אויך אַיינווירקן אויף זייערע עלטערן, אז אויך זיי זאלן זיך אויפפירן מיט אהבת ישראל.

ביז - אז יעדער איד, יעדער טאג, און אין אנהויבט פון טאג, איידער ער שטעלט זיך דאוונען און בעטן עפעס פאר זיך ע"ד ווי "ואתחנן אל ה'", אז משה האט מתפלל געווען פאר זיך[29] - דארף ביי אים זיין די הקדמה, אז ער פארבינדט זיך, דורך "ואהבת לרעך כמוך"[30] (ווי דערמאנט פריער אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל), מיט גאנץ כלל ישראל, ווי דער אריז"ל זאגט[31].

און דעמולט ווערט "גדלך" - ווארום דער איד איז ניט איינער, און ניט איין משפחה, און ניט איין קהילה - נאר ער ווערט פארבונדן מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן, און מיט אלע אידן אין אלע דורות, וואס דעמולט ווערט דער "גדלך" אין גאר א גרויסן אופן.

יד. ע"פ האמור לעיל (ס"ה-ו) אז אין אידישע קינדער הענגט אפ אז עס זאל זיך ניט אנהויבן דער גלות, און (עד"ז) בשעת עס האט זיך שוין אנגעהויבן דער גלות - אז ער זאל בטל ווערן -

איז נאכמער פארשטאנדיק אז דער ענין פון אהבת ישראל דארף זיך אנהויבן בא אידישע קינדער, וואס דורך דערויף פארבינדט זיך יעדער אידיש קינד מיט אלע אידישע קינדער, און ער טוט מיט זיי די גרעסטע צדקה וחסד וואס עס קען זיין - דורך באאיינפלוסן זיי אז זיי זאלן זיך פירן אין די וועגן ווי משה רבינו האט אנגעוויזן, וואס "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[32] (ווי געזאגט פריער אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל),

וואס דאס איז "תכלית בריאתו ובריאת כל העולמות כו'" - (ווי -

---

29) פרשתנו שם, כג ובפרש"י. 30) קדושים יט, יח.
31) שער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. סידור האריז"ל לפני "מה טובו". 32) ברכה לג, ד.

(ווי אויך דערמאנט פריער אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל - פון פנימיות התורה[33]).

און בשעת אידישע קינדער טוען דאס מיט א חיות און א התלהבות - ווערט אויפגעטאן בפועל, אז עס זאל זיך דורכפירן דער "תכלית בריאתו ובריאת כל העולמות עליונים ותחתונים - להיות לו דירה זו בתחתונים".

טו. ובפרט אז מ׳האט פארבונדן (כנ"ל ס"ז-ח) דעם איצטיקן צוזאמענקלייבן זיך מיט "אכלו" ווי עס דארף זיין, און מיט "שתו" ווי עס דארף זיין, און זיך אויפגעפירט אין אן אופן וואס איז היפך פון "וקלקלו";

און מ׳האט דאס פארבונדן מיט תפלת מנחה, און מיט תורה, און מ׳וועט דאס איצטער אויך פארבינדן מיט צדקה, וואס "ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה"[34]-

איז דעמולט וועט גאר אינגיכן מקוים ווערן ווי ער איז מסיים אין זהר, אז משה רבינו האט געזאגט "אתה החילות", אז איצטער האט דער אויבערשטער (נאר) אנגעהויבן "להראות את גדלך", און "סיומא - מלכא משיחא הוא" - דער סיום וחותם פון דעם "להראות את גדלך" וועט זיין בביאת משיח צדקנו, וואס ער איז דער "גואל אחרון".

וואס דעמולט וועט זיין "אראנו נפלאות"[35], עס וועלן זיין וואונדערליכע זאכן אפילו אין פארגלייך מיט דעם וואס איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים" דורך משה רבינו, און נאכמערער ווי דער "להראות . . את גדלך" איז געווען צום סוף פון די 40 יאר אין מדבר, איידער מ׳איז אריין צום ערשטן מאל אין ארץ ישראל, און נאכמער ווי אין דער צייט פון יהושע בן נון.

טז. און דאס וועט זיין אין אן אופן פון "נגאלין מיד", אז יעדער אידיש קינד, און אלע אידישע קינדער, צוזאמען מיט זייערע עלטערן, מורים ומורות, מדריכים ומדריכות

- ובפרט אז די קינדער וועלן פועל׳ן אויף די עלטערן אז זיי זאלן צוגעבן נאכמער וויפל זיי האבן צוגעגעבן ביז איצטער -

וועלן גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש.

יז. און דאס וועט אויך זיין אין אן אופן פון "ברחמים" -

- ווארום -

---

33) הניא פל"ג (בב. א). 34) ישעי׳ א, כז. 35) מיכה ז, טו.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

ווארום נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות וועט זיין "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[36].

וואס אויך דאס וועט זיין דורך נסים.

און דערנאך וועט זיין דער עיקר'דיקער און דער גאר גרויסער נס - אז "ואולך אתכם קוממיות"[37], אז מ'שטייט מיט א שטאלצקייט[38] מיט דער גאנצער תורה, "שלימות התורה",

און מ'שטייט מיט א שטאלצקייט אויף "שלימות הארץ", ווי ער זאגט גלייך אין אנהויבס פון אונזער פרשה, פ' ואתחנן, אז גאנץ ארץ ישראל איז אפגעגעבן געווארן צו אידן, אלס א נחלת עולם, אלס אן אייביקע ירושה, פונקט ווי מ'האט באקומען די תורה אין אן אופן פון "מורשה קהלת יעקב", און אויך אין אן אופן פון שלימות,

און אידישע קינדער וועלן איינפלוסן אלע אידן וואס זיי קענען דערגרייכן, אז בשעת אידן וועלן גיין אין ארץ ישראל וועט זיין "שלימות העם" - קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות.

און עס וועט זיין אין אן אופן פון "נגאלין מיד", ובשמחה ובטוב לבב.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן לכ"א אחד ואחת מהילדים והילדות (שלפני בר ובת מצוה) שיהיו שתי מטבעות של עשר סענט: אחת להת לצדקה, והב' - לעשות בה כטוב בעיניהם.

אח"כ נתן כנ"ל לכל אחד ואחת מהנאספים שיחיו].

—— * ——

36) בחוקותי כו, ו. 37) שם, יג. 38) ראה תו"כ ופרש"י עה"פ.

א. ס'איז דאך פותחין בדבר מלכות,

און בקשר וואס מ'זאגט אז "דבר ה' - זה הקץ", און מ'האלט דאך איצטער נאך די דריי וואכן וועו ס'הויבט זיך אן דער ענין פון שבעא דנחמתא, אנהויבנדיק פון "נחמו נחמו בכפליים" וואס דאס גייט דאך אויף דעם ענין הגאולה, וואס דעמולט וועט דאס זיין בכפליים לתושי' נאכמערער ווי ס'איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, אפי' ביהמ"ק הראשון וואס האט געהאט אין זיך דעם ענין וואס איז געווען חמשה דברים אויכעט בנוגע צו די מעלה פון ביהמ"ק השני לגבי ביהמ"ק הראשון, כמדובר כמ"פ, ביז אז "מי שלא ראה בנין הורדוס איז לא ראה בנין יפה בימיו" - וואס דאס גייט דאך אויפן ביהמ"ק השני,

און כמבואר בכ"מ די מעלות וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק השני לגבי ביהמ"ק הראשון - ובכללות די מעלה וואס ס'איז דא אין בעלי תשובה לגבי צדיקים, אפי' צדיקים גמורים,

וואס ביהמ"ק ראשון איז געווען בדוגמא פון צדיקים גמורים, לגבי ביהמ"ק שני, וואס ער איז געקומען לאחרי גלות בבל,

דערנאך קומט דער ענין וואס איז נאך גרעסער דערפון וואס דאס איז דער "נחמו נחמו בכפליים", [וואס אע"פ אז דאס איז אויך געזאגט געווארן אויף ביהמ"ק שני כפשוטם של דברים, איז דאך דאס נבואת ישעי' פון נחמו נחמו גייט דאס אויכעט אויף (און אדרבה: אין פשש"מ איז דאס געווען בעיקר אויף ) דעם גלות וועגן וועלכע ס'איז געקומען דעמולט בסמיכות זמן - וואס דאס איז גלות בבל,

אע"פ פון די כמה ייעודים וואס ווערן דערציילט אין נבואת ישעי' וואס זייגען דאך ניט נתקיים געווארן אין דער גאולה פון גלות בבל, אע"פ וואס ס'איז אויך געווען בכח ויכולת "אלמלא זכו" וואלט דאס געווען א גאולה שאין אחרי' גלות, בפועל איז דאך דערנאך געווען א גלות דערפאר וואס די גאולה איז ניט געווען די גאולה שלימה, ניט אט די שלימות וואס ס'שטייט אפי' אין די יעודי הנבואה אין נבואת ישעי' אנהויבנדיק פון נחמו נחמו],

וואס דאס איז מכריח אז דאס גייט בעיקר (ווי דאס איז ארויס בפועל) אויף גלות זה, וואס דעמולט וועט זיין דער כפליים לתושי' אפי' לגבי ביהמ"ק שני, און אפי' לגבי ביהמ"ק ראשון.

וואס נוסף אויף דערויף וואס-ער וועט כולל זיין די ביידע ענינים: די מעלות שבזה ושבזה - קומט דאך צו אט דאס וואס ס'וועט זיין "מקדש אדנ-י כוננו ידיך", ניט מעשה בנ"א, נאר וואדען "כוננו ידיך" פון דעם אויבערשטן.

וואס דערפאר איז דאס ממשיך אין דעם ענין המקדש דעם ענין הניצחי, אז דעמולט וועט זיין "ה' ימלוך לעולם ועד".

וואס דאס איז "דבר ה' זה הקץ" ווי געזאגט פריער, אז דאס איז פארבונדן מיט "מקדש א' כוננו ידיך" - וואס אין ביהמ"ק איז דאס "דבר ה'" - כוננו ידיך, איז אויכעט פארבינדט דאס די גמרא מיטן אפטייטש אין דעם זעלבן פסוק "דבר ה' זה הלכה".

וכמדובר כמ"פ, ווי מ'לערנט אפ פון שעטנז, וויבאלד אז ס'שטייט אלץ אין דעם זעלבן ווארט דארף דאס זיין כאחד "שוע טווי ונוז", און דוקא דעמולט ווערט דער ענין פון שעטנז בשלימותו, ביז בהלכה לפועל בזה,

עד"ז אויכעט, וויבאלד אז דאס איז פירושים, און ביידע ענינים סיי "הלכה", און סיי "קץ", שטייט אין פסוק אין דעם זעלבן ווארט "דבר ה'", איז דאס גופא

פארשטאנדיק ווי דאס איז פארבונדן איינע מיט די צוויטע, ביז אז דאס ווערט אין תושב"כ די זעלבע צוויי ווערטער פון "דבר ה'".

וואס דאס איז דאך אויכעט, ווי בפשטות, דער סיום פון ש"ס, אז מ'זאגט אז "כל השונה הלכות בכל יום מובטח לו שהוא בן עוה"ב שנאמר הליכות עולם לו א"ת הליכות אלא הלכות" - איז דאך דער פירוש אויכעט אין דעם "אל תקרי" אז דורך דערויף וואס ער האט הלכות, ווערט ער דעמולט א בעה"ב און ער פירט אן מיטן עולם - הליכות <u>עולם</u> לו, וואס דאס איז דער היפך פון ענין הגלות,

- גלות איז דאך בשעת דער עולם איז מעלים ומסתיר אויף דעם כח און בעה"ב'ישקייט פון א אידן, ביז וואנענט אז בגלוי קומט גאר ארויס אז דאס איז א ממשלה פון או"ה אויף אידן,

- ענין הגאולה איז דער היפך, אז "וגר זאב עם כבש" מיט די אלע פרטים ווי ער איז דערנאך ממשיך, וואס דאס איז דער ענין אז ניט נאר זיינען אידן בני חורין, נאר אידן ווערן בע"ב און זיי זיינען משנה ע"י זכותם און משנה די טבעיות העולם, ביז וואנענט אז ס'ווערט דער "וגר זאב עם כבש", איז דאס "יחדיו".

וואס דערפאר איז דאס אויכעט מתאים מיט דעם ענין פון "המעשה הוא העיקר", וואס דאס ווערט א הלכה אין תורה, און מ'פארבינדט דאס אויכעט מיט דאס וואס מ'זאגט אז אע"פ אז נימנו וגמרו אז "גדול לימוד (אדער די צווייטע גירסא: "גדול תלמוד") שמביא לידי מעשה", איז אבער לע"ל וואס דעמולט וועט זיין דער עולם בשלימותו, נאכמערער שלימות ווי ס'איז געווען בתחילת הבריאה "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם" - תולדות מלא נכתב, איז "אלא תולדות פרץ" וואס ס'איז די צווייטע מאל "תולדות מלא", איז דאס נאך א העכערע מלא ווי דער תולדות השמים והארץ בהבראם,

וואס דאס ווערט ע"י מעשינו ועבודתינו, און דעמולט ווערט דער דין אז מעשה גדול, כמבואר בארוכה אין כתהאריז"ל, און דער ביאור בארוכה אין חסידות ובפרטיות אין די דרושים פון "ושננתם לבניך".

וואס דערפאר איז דאך אויכעט צוגעפאסט אז לכל לראש און כפשטות הענינים, מ'דארף דאך פון יעדער ענין ארויסנעמען א ענין שבמעשה, וויבאלד אז המעשה הוא העיקר,

עד"ז א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט חמשה עשר באב, איז צום-אלעם-ערשטן, דארף מען ארויסנעמען וואס איז דא די מעשה וואס איז פארבונדן דערמיט, ובל' הגמרא "דבר ה' - זו הלכה" - וואס איז דא די הלכה וואס איז פארבונדן מיט ט"ו באב.

וואס לכאו' איז דאך דא דער ענין וואס מ'זאגט אז ט"ו באב זאגט מען ניט קיין תחנון וכיו"ב, אבער דאס איז דאך ניט קיין ענין של עשי', בפשטות, דאס איז א ענין פון שלילה - ניט זאגן ענינים של תחנון.

אז מ'זוכט וואס איז דער ענין פון הלכה - געפינט מען דאס אין סיום וחותם פון מס' תענית, וואס דארטן רעדט זיך אויכעט בארוכה און בפרט בסיומה די ענינים פון תשעה באב, און מה שקדם לו - שבעה עשר בתמוז די דריי וואכן בכללותם, ביז אויכעט דערנאך סיומם וואס דאס איז די תשעה ימים, ביז דער סיום וחותם שבסיום וואס דאס איז דער ענין פון ת"ב,

און דערנאך גלייך ממשיך און דערמיט איז דער סיום אין דער משנה אז "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב ויוה"כ שבהם בנות ישראל (אדער די צווייטע גירסא: בנות ירושלים) יוצאות וחולות בכרמים" מיט די גאנצע אריכות הסיפור.

וואס דאס איז אויכעט נאך ניט די מעשה בפועל, דאס איז מערניט ווי א לימוד



<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

בדיבור, וואס דיבור איז טאקע עקימת שפתיו הוי מעשה, לערנט ער מיט א מעשה וואס עקימת שפתיו דעם ענין וויסן וואס ס'איז געווען די מעשה בט"ו באב בזמן שביהמ"ק הי' קיים.

מ'דארף דאך לכל לראש געפינען דעם מעשה הוא העיקר - עשי' בפועל :ובימינו אלו:

איז אט דאס וואס דער אלטער רבי ברייגנט אראפ בשו"ע שלו אין הל' ת"ת קרוב לסיום וחותמו, אז מתחיל מט"ו באב איז אט דעמולט איז מוסיף מעט מעט אין לימוד התורה.

וואס דאס איז די איינציקסטע הלכה, וואס מ'געפינט אין א אופן פון הלכה פסוקה, און א ענין של מעשה בפועל ובזמן הזה ובכל מקום פארבונדן מיט ט"ו באב.

[וואס אלס א מאמר המוסגר איז דא א דבר פלא:

וואס דאס ווערט ניט געברארכט אין רמב"ם אין טור ושו"ע פון ב"י, און אויכעט א צווייטער פלא:

וואס דער אלטער רבי צייכנט אפ נאך דערויף וואס ער ברייגנט אראפ "כדאיתא באר"ח סרל"ח", וואס אין או"ח סרל"ח רעדט זיך וועגן דעם תחלת הסעיף וואס דער אלטער רבי רעדט דארטן וועגן דעם ענין וועגן חשיבות הלימוד בלילה, וואס דערפון איז טאקע משמע אז ס'ווערט די לילה לייגנער דארף מען מוסיף זיין בלימוד, ס'איז אבער ניטא די הדגשה פון "ט"ו באב".

דאס ווערט אראפגעבראכט אין סרל"ח אין מג"א, אבער אין די מ"מ פון דעם אלטן רבי'ן, וואס אין הל' ת"ת איז דאס זיכער דעם אלטן רבי'נס מ"מ, ווארום ס'איז נאך געווען געדרוקט בחיין, און בפרט נאך אט דער מ"מ שטייט ניט אין חצע"ג, נאר ס'שטייט "כדאיתא בא"ח סרל"ח",

איז ווען דער אלטער רבי ברייגנט אראפ א ענין פון ש"ס ופרישה שרייבט ער ניט דער סימן, נאר ער שרייבט די פרישה וש"ס,

וואס עפ"ז איז דאס משמע אז דאס איז או"ח סרל"ח, וואס מ'געפינט דאס מערניט ווי אין מג"א דארטן, וכמדובר דאס איז א מאמר המוסגר, און די גרעסערע פליאה: פארוואס דאס ווערט ניט געבראכט אין שו"ע פון דעם ב"י,

און נאכמערער: וויבאלד אז דאס איז א הלכה פסוקה אין גמרא, האט זיך דאס געדארפט ברייגנען אויך אין רמב"ם.

ס'איז דאך ניט קיין הסברה בזה אז לכאו' איז דאס ניט א הלכה בפ"ע, ווארום ס'איז דאך אלעמאל דא דער חיוב פון לימוד התורה, איז דאך מעצמו פארשטאנדיק אז ס'קומט צו אין זמן בדוגמת ווי ט"ו באב אין לילה, במילא דארף צוקומען אין לימוד התורה, און דאס איז ניט קיין הלכה בפ"ע -

אעפ"כ זעט מען בפירוש אז די גמרא מאכט דערפון א הלכה בפ"ע, און זאגט אויף דערויף א זכר מיוחד, אז מאן דמוסיף מוסיפין לו - אז דער אויבערשטער איז מוסיף חיות על שנותיך, די צווייטע גירסא: חיים על חייו, עד"ז אויכעט אין דעם קו פון להיפך.

און ווי ס'איז דאך דא די כמה הסברות פארוואס דארף מען האבן א הלכה מיוחדת לכאו' איז דאס א פרט אין די הלכה כללית, אז אין יעדער זמן פנוי דארף צוקומען אין לימוד התורה.

וואס בפשטות איז דאס בדוגמא ווי מ'זאגט אז ראב"ח איז מכבד עשירים, אע"פ וואס ער איז געווען בעל נכסים רבים ומופלגים, אעפ"כ האט ער געלערנט תורה בהתמדה ושקידה כמסופר בש"ס, איז ער מחייב אויכעט עשירים: אז אע"פ אז מצד משאו ומתנו באמונה, און אויב ער געהערט ניט צום ענין פון תורתו אומנתו - פון יששכר נאר ער איז א בעל נכסים, דארף אין דערויף זיין משאו ומתנו באמונה,

וואס דערפאר דארף מען אנקומען מצד הלכות ת"ת קען מען ניט מחייב זיין נוסף אויף די שעורים הקבועים לעשירים,

- מצד די הנהגה פון ראב"ח איז קומט צו אויכעט א חיוב בנוגע לעשירים ע"ד ווי הלל מחייב אין דעם קצה ההפכי, ווי דער אלטער רבי איז מדייק און מבאר דעם דיוק בזה אין הל' ת"ת שלו.

וואס עד"ז אויכעט בנוגע צו ט"ו באב, אע"פ וואס ס'איז דאך א פריערדיקע הלכה אין דעם זעלבן סעיף אז "לא נברא לילה אלא לגירסא", און דער קומי רוני בלילה דעמולט איז דא הצלחה גדולה יותר אין לימוד התורה בלילה, קומט צו נאך א באזונדער דין (ווי דער אלטער רבי טיילט דאס אפ בפ"ע אע"פ וואס ס'איז אין זעלבן דין) אז פון ט"ו באב איז דעמולט איז "הוסיף" עכ"פ מעט מעט וואס דאס איז א הלכה גמורה, בדוגמא ווי ראב"ח איז מחייב עשירים נוסף ווי מ'וואלט ביי עם מאנען אז לא נברא לילה אלא לגירסא].

עכ"פ בנוגע לענינננו: האט מען דעם דבר ה' זו הלכה, אז וואס קומט צו גלייך אין אן ענין של מעשה בפועל, אנהויבנדיק פון ט"ו באב, איז דא איז דער יוסיף מעט מעט.

כמדובר אמאל בארוכה, אז וואס איז דא דער אלטער רבי מדייק, לכאו' וואלט געווען געגוג ווען ער שרייבט "מעט", וויבאלד אז ס'קומט צו בליל ט"ו באב לגבי די לילה שלפנ"ז מערניט ווי עטלעכע מינוט, און רגעים, איז דערפאר דארף זיין די הוספה אויכעט מעט, אבער וואס דארף מען דאס ארייננשטעלן אין א הלכה אז די הלכה איז כאילו פון מעט?

איז נוסף על הענין, בדוגמא ווי מ'זאגט אז לעולם ילמוד אדם שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה, ווארום אויב ער וועט ווארטן ביז ער וועט האלטן ביי דער דרגא פון לימוד התורה לשמה דערווייילע גייט דורך כמה זמן אן לימוד התורה,

ווארום דאס קען ניט זיין אין תחילת עבודת האדם, ווי דער רמב"ם איז מאריך אין סוף הל' תשובה אז דאס איז א מדריגה גדולה פון לימוד התורה לשמה, און מ'דארף האבן דערצו כו"כ דרגות וואס מ'גייט דורך פריער,

און דער חיוב פון לימוד התורה איז דא גלייך ווי ער איז שייכות "כשיגדיל", ווי דער לשון אין רמב"ם און דער צ"צ איז דערפון מדייק אז דאס איז נאך פאר ב"מ, וויבאלד אז ער האט שוין א שייכות להבנה בתורה, ווי ס'איז משמע פון פסקי הצ"צ, איז שוין דעמולט דא דער חיוב מה"ת אידער ער איז נאך געווארן ב"מ א חיוב אין לימוד התורה.

וואלט קיין קשיא ניט זיין היתכן דרדקי וכו', קען מען דאס מסביר זיין, אז דאס איז עכ"פ ווען ער איז געווארן בן י"ב מופלא סמוך לנדרים,

אבער פון צ"צ איז משמע אז דאס איז אסאך פריער ווי ער איז געווארן בן י"ב שנים ויום א'.

עכ"פ בנוגע לענינננו: זאגט מען אויכעט אז אפילו ווען ער האלט נאך ניט ביי דער דרגא פון מוסיף זיין כו"כ, איז קען ער ניט ווארטן מיט דער הוספה פון ט"ו

באב, ווארום להוסיף מעט איז דאס א הלכה פסוקה וואס פון יעדערן קען מען דאס מאנען, ווארום יעדערער האלט דערביי,

און דערפאר זאגט ער גלייך יוסיף מעט, וואס דאס איז א דבר השוה לכל נפש, און איז גלייך מוסיף א צווייטן מאל "מעט", אז גלייך אז ס'קומט די לילה שלאח"ז דארף זיין א הוספה עכ"פ מעט אויפן ערשטן מעט וואס איז געווען בלילה פון ט"ו באב.

וואס דאס איז בפשטות איצטער וואס איז אור לט"ו באב, וואס דעמולט הויבט זיך אן די הלכה וואס דעמולט יוסיף מעט, און גלייך דעמולט ווייס ער שוין די החלטה אויכעט אין א אופן פון הלכה פסוקה אז דער לימוד איז באופן כך אז ער גרייט זיך שוין אויף מארגן ביינאכט, וועט דאס זיין א הוספה לגבי די נאכט פון איצטער.

ובזה אויכעט מובן אין די לילות שלאח"ז.

און מ'זאגט אז דאס איז א ענין וואס חיים על חייו, אדער יוסיף חיים על שנותיו, (ווי די בײדע גירסאות) כמדובר לעיל, און ווי דער טאטע איז אויכעט מדייק אין דער אגרת שלו, אז דאס איז דער (ט"ו בשבט) און ט"ו באב אז אין דערויף איז פארבונדן און קאכט זיך ר' יוסי, וואס "יוסי" איז אויכעט מל' הוספה כמבואר אין תושב"כ, פארוואס האט מען עם גערופן יוסף - יוסף לי ה'.

וואס אט דא קען מען אויכעט מוסיף זיין, אז יוסף לי ה' בן שטייט דערנאך דער ווארט אחר, איז דער צ"צ מדייק וואס איז דא דער לשון יוסף לי ה' בן אחר, אז דא איז דער דיוק אז פון א אחר זאל מען מאכן א בן - ניט סתם יוסף לי ה' בן, נאר ס'איז אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקו - פון דעם אחר מאכט מען אויכעט א בן.

וואס דאס איז אויכעט פארבונדן מיט ט"ו באב, בנוגע למעשה בפועל:

אז מ'זאל מוסיף זיין סיי אין לימוד לעצמו, און דאס קען מען מאנען ביי יעדערן ניט קוקנדיק אויף אלע זיינע טרדות, ניט נאר טרדות המדומות, נאר אפי' טרדות האמיתיות, וויבאלד אז ס'קומט ט"ו באב איז דא די הלכה פסוקה איז יוסיף מעט מעט, און כמדובר לעיל אז ס'איז שוין דא אריינגעלייגט די הכנה אין זיין לימוד אין ט"ו באב אז מארגן בלילה וועט ער מוסיף זיין נאכמערער עכ"פ מעט.

און אויכעט וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט ר"י, וואס דער שם יוסף איז ע"ש יוסף הוי' לי בן אחר - טייטשן אפ רבותינו נשיאינו אז פון דעם אחר אויכעט מאכן א בן,

אז מאכן פון א צווייטן אידן וואס אין דעם ענין איז ער דאך ניט בהבנה'ט אפי' אז ער איז א לומד תורה, און מקיים מצוות, אבער דער אויפטו פון ט"ו באב איז ער ניט בהבנה'ט - ביי עם איז דאס א ענין ניט זיין ענין דערוויילע.

דאלער זיך אויכעט משתדל זיין אז אויך בא דעם אחר זאל אויכעט ווערן א ענין של בן, ווארום דורך וואס ווערט מען א בן להקב"ה איז דאך דאס ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא אז פונקט אזוי ווי א בן נעמט זיך מחכמתו פון דעם אב, עד"ז בני בכורי ישראל, בנים אתם לה"א, נעמען זיי זיך מחכ' של הקב"ה, וואס חכמתו של הקב"ה קומט דערנאך אראפ בגלוי אין תורה, וואס דורך לימוד התורה אט דעמולט איז מען אין א דרגא פון בן להקב"ה,

וכידוע דער חילוק בכללות וואס אידן ווערן אנגערופן און האבן די מעלה סיי פון בן, און סיי פון עבד, דער חילוק בכללות איז, אז ע"י לימוד התורה איז דאס דער ענין פון א בן, וע"י קיום המצוות וואס האט צוטאר מיט גשמיות און עולם והסתר איז דאס אן עבודה וואס איז פארבונדן מיט עבד.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דא זאגט מען, בן אחר, אז מ'זאל מ׳כן כ.ן דעם אחר א בן וואס ט"ו באב במיוחד איז פארבונדן מיט לימוד התורה.

אט דא קומט נאך אויך צו, מ'האט דאך פריער גערעדט אז לימוד התורה קען מען דאך לכאו' לערנען די הלכות ווי אזוי בזמן שביהמ"ק הי' קיים איז בנות ישראל יוצאות וחולות בכרמים, און דאס וואס מ'זאגט אז ס'איז מערניט ווי מעשה זוטא, איז דאך לכאו' די זעלבע זאך בשעת ער איז מוסיף אין זיין לימוד התורה איז דאס אויכעט מעשה זוטא.

בשעת אבער אין דערויף גייט אויכעט אריין וואס ער מאכט א צווייטער איד זאל לערנען תורה, איז דערצו דארף מען האבן ווי מ'זעט דאס בפשטות פון "דברים היוצאים מן הלב", אט דעמולט מאכט מען מיט די הענט, און מ'לויפט מיט די פיס, און ס'ווערט "ערוכה בכל רמ"ח אברים", וואס דעמולט פועל'ט דאס אויף א צווייטן אידן.

און בפשטות, אז מ'דארף גיין צו יענעם ניט ווארטן ביז וואנעט יענער גייט קומען צו עם,

וואס די אלע ענינים זיינען ניט פארבונדן מיט א מעשה זוטא, נאר מיט א מעשה רבה, ווי די גמרא טיליטשט אפ בנוגע צו פדיון שבויים אז דאס איז א ענין פון טאן א מצוה רבה,

אז מ'נעמט ארויס א אידן פון שבי', וואס מאיזה סיבה שתהי' ווייס ער ניט אז ס'הויבט זיך אן ט"ו באב, דארף ער מוסיף זיין גלייך אין דער נאכט מערער ווי ער האט געלערנט מיט א נאכט פריער, אע"פ וואס אויך דעמולט האט ער געלערנט בהתמדה ושקידה, און ס'דארף זיין יוסיף מעט מעט - א הכנה אויף מארגן, אדער מוסיף זיין אויף היינטיקע נאכט,

נעמט ער דאך עם ארויס פון דער "שבי'" - פון דעם ניט וויסן פון אט דעם ענין וואס טוט אויף חמשה עשר באב.

וואס דאס איז דאך א "שבי'" וואס איז עם נוגע, דא איז ניט וואס ער ווייס ניט א ענין צדדי - ער אליין געפינט זיך בשבי' ווען ער וואלט געוואוסט וואלט ער דאך זיכער זיך גלייך געזעצט לערנען,

נעמט ער עם ארויס פון זיין שבי', וואס ער האט ניט די הוספה און שטעלט עם אוועק אין א מעמד וואס ער ווייס דעם ענין במילא ווערט ער "אין לך ב"ח אלא מי שעוסק בתורה", אז ער איז מוסיף אין לימוד התורה, איז ער מוסיף אין זיין דרגא אלס א ב"ח,

און דערנאך קומט צו ע"י כל הוספות שלו, אט דאס וואס מ'זאגט בנוגע צו גאולה האמיתית והשלימה, אז ויצא חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה, דערנאך איז ער ממשיך, אז דעמולט איז יוסיף ה' ידו שנית, און וועט ארויסנעמען פון די אלע שבעה ארצות וואס ער רעכנט אויס, און איי הים, און וועט זיי ברענגען כולם לארצנו הקדושה, בשמחה ובטוב לבב, אין שלימות פון אלע אידן, און יעדער אידן צוזאמען מיט שלימות התורה, און שלימות וואס איז פארבונדן מיט א הוספה אין תורה, וואס דאס איז אויכעט מוסיף אין שלימות הארץ אז ניט נאר מ'האט די שבעה ארצות, נאר מ'האט אויך דעם ענין פון קיני קניזי וקדמוני, וואס דאס באווייזט און דאס איז פארבונדן מיט ירחיב ה'א את גבולך,

במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט דאך זיין דער ענין פון שמיני, ווי ער זאגט אז כינור של ביהמ"ק איז של שמונה נימין, און אויכעט



הנחה פרטית בלתי מוגה

אין זיך כולל און גלייך נאך דערויף קומט (ווי געזאגט פריער) קיני קניזי וקדמוני - עשר אומות, וואס דעמולט איז עלי עשור,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

ב. ווי דערמאנט פריער, איז בזמן שביהמ"ק הי' קיים, איז געווען א הלכה בפשטות, ביז וואנעט די הלכה ווערט אראפגעבראכט אין משנה, און ווי רש"י זאגט אין סיום הש"ס (ווי דערמאנט פריער) אויף "כל השונה הלכות" - זאגט דארטן רש"י אז דאס איז "משנה ובריתות הללמ"ס", און ברייינגט אלס אן ערשטער דער ענין פון משנה, וואס סתם "הלכה" איז דאס דער ענין המשנה,

און ווי אויכעט בפשטות, אז רוב המשנות איז דאס דארט אלץ הלכות פסוקות ניט די טעמי הלכות נאר נאכמערער: הלכות פסוקות.

און אפילו משנות וואס ווערן געבראכט מחלוקת - ר"מ אומר", און "ר' יהודה אומר" וכיו"ב, איז דאך אויכעט דא די כללי המשנה, ווי דער רמב"ם ברייינגט דאס אראפ אין פירוש המשניות על אתר, אז הלכה כמי ווייס מען בלימוד המשנה אויכעט די הלכה פסוקה, נוסף אויף דעם ענין וואס דאס איז שולל דעם ענין פון די שוק"ט פון טעמים, איז דאך אויכעט די מעלות פון הלכות (ווי דער אלטער רבי איז מסביר), אז דעמולט ווייס ער בפועל ווי אזוי צו טאן אין "המעשה הוא העיקר" די מצוה - לקיימה בפועל,

וואס אויף דערויף דארף מען האבן אז ניט ס'זאל בלייבן אין א אופן פון מחלוקת ומכמה דיעות, אפי' אז אלע דיעות איז אלו ואלו דא"ח, אז מ'זאל מקיים זיין בפועל דארף מען האבן "וה' עמו - הלכה כמותו", הלכה פסוקה,

איז כאמור - איז אין חלק חשוב מהמשנות איז אן מחלוקת, אפי' אין דער חלק וואס איז מיט מחלוקת איז בכמה דיעות איז אויכעט דא גלייך די כללי המשנה וואס מ'נעמט ארויס פון דער משנה א הלכה פסוקה.

וואס אין משנה איז די הלכה פסוקה אע"פ וואס דער פירוש הפשוט אין די משנה איז דאך דאס א מנהג, וויבאלד אבער אז דאס איז א מנהג, ובפרט נאך א מנהג וואס דאס איז פארבונדן מיט ט"ו באב, און אויך מיט יוה"כ, איז דאך פארשטאנדיק אז אויב אלעמאל איז "מנהג ישראל תורה היא" - עאכו"כ א מנהג וואס איז פארבונדן מיט יום הקדוש - מיט יוה"כ.

וואס אע"פ וואס ס'איז דאך דא מפרשים וואס ווילן זאגן אז "יוצאות וחולות בכרמים" גייט דאס מערניט ווי אויף ט"ו באב, ווארום היתכן אז ביום הקדוש זאל מען זיך פארנעמען מיט אזוילבע זאכן, אע"פ וואס ס'רעדט זיך וועגן א שידוך, און בנין עדי עד וכל המעלות שבדבר,

אבער פון דעם לשון המשנה "שבהם" (ניט "שבו", נאר "שבהם" בנות ישראל יוצאות וחולות) איז דאך פארשטאנדיק אז דאס רעדט זיך וועגןביידע - ל' רבים, סיי ט"ו באב, און סיי יוה"כ,

און ווי דער פשטות הלשון, און ווי מ'זעט אויכעט פון פשטנים מפרשי הש"ס, איז רובם ככולם טייטשן דאס אפ... דאס איז סיי בט"ו באב, און סיי ביוה"כ.

די שאלה היתכן אז ביוה"כ זאגט מער אזא מין זאך - באווארנט דאס די משנה אליין:



הנ... בלתי מוגה

וואס די משנה זאגט "מה היו אומרות" האבן זיי געזאגט "בחור שא נא עיניך אה מה אתה בוחר [מה אתה בורר]".

וואס בשעת מ'זאגט "שא" - איז דאס נוסף אויפן ענין בפשטות אז דאס הייסט קוקן, ווי דער לשון הכתוב "שאו מרום עיניכם", און אויכעט "שא" איז דער טייטש אז ער הויבט אויף דער ענין, אפילו ווען ער קוקט אין א ענין וואס געפינט זיך בכרמים דא למטה, קוקט ער אויף דערויף אין א אופן פון "שא עיניך וראה".

וואס דאס זאגט די משנה גלייך, באווארענענדיק אז טאקע "יוצאות וחולות בכרמים", אין וואס פאר א דרגא זיינען זיי געשטאנען, אז אע"פ וואס לכאו' דארף זיין דער "והוא ימשול בך", און דערביי דער בחור דארף מדריך זיין דעם עזר כנגדו אין ענינים פון יר"ש, איז בט"ו באב וביוה"כ זיינען זיי געווען אין דער דרגא אז ווי הויך ס'זיינען געשטאנען דער בחור, איז געשטאנען נאך העכער די בנות ישראל, און בנות ירושלים, ביז וואנעט אז זיי האבן געזאגט און מ'האט גע'פועל'ט אז דער בחור זאל נאך העכער אויפהויבן זיינע אויגן און דאס זאל דערנאך אראפקומען במעשה בפועל - "במה אתה בוחר".

וכמדובר כמ"פ - אז אפי' אט די ענינים פון תושבע"פ, וואס בזה"ז קען מען זיי ניט מקיים זיין בפועל בגשמיות, און נאכמערער: אפי' אט די ענינים וואס בזה"ז טאר מען ניט זיי מקיים זיין בפועל בגשמיות, בדוגמא ווי הקרבת קרבנות וכיו"ב,

איז דאס גלייך דערביי באווארנט אז דאס איז אלץ בד"א אין א אופן וואס איז פארבונדן מיט עבודה בגשמיות העולם,

אבער אט די עבודה וואס איז פארבונדן מיט רוחניות העולם, איז פונקט אזוי ווי מ'זאגט ביי קרבנות אז "תפלות במקום קרבנות תקנום", וואס דעמולט זאגט מען אז ניט נאר ער קען מקריב זיין א קרבן ברוחניות, נאר ס'ווערט אויף עם א חיוב אז "במקום קרבנות" זאל ער מקריב זיין דעם קרבן ברוחניות, דורך דערויף וואס ער איז מתפלל,

עד"ז איז בשאר המצוות וואס זיי זיינען פארבונדן מיט זמן שביהמ"ק הי' קיים, אדער מיט "ארץ אשר גו' עיני הוי' א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" - מצוות התלויות בארץ, איז דאס אלץ געוועדט געווארן בנוגע צו דער קיום בגשמיות העולם,

משא"כ אבער דער קיום ברוחניות העולם, איז בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו קרבנות, אז "תפלות במקום קרבנות תקנום", עד"ז בכל עניני התורה ומצוותי' וואס ענינם איז דאך אויף מקרב זיין און מאחד זיין א אידן - ישראל וקוב"ה דורך תומ"צ, וואס זיי זיינען די ממוצעים המחברים,

איז דא דער ענין אין דער רוחניות שבדבר איז דאס אויכעט דא בזמן שאין ביהמ"ק קיים, און ניט נאר אין ירושלים, אדער אין א"י, וואס דארט איז דאך בפשטות דער ענין פון "בנות ירושלים" (אדער ווי די צווייטע גירסא (והנפק"מ שביניהם): בנות ישראל), נאר אויכעט די וואס געפינען זיך אין חו"ל.

וואס בפשטות וואס קומט דערפון ארויס די הוראה בפועל?

אז בשעת א איד דארף זיך אויסקלייבן א ענין בעולם, קען ער דאס טאן בכמה אופנים: אדער אז "שים עיניך ביופי", אדער "בממון", וכיו"ב; און ס'קען זיין אין א אופן פון "קחו מקחכם לשם שמים".

וואס דורך דערויף ווערט נתאחד דער ניצוץ קדושה וועלכן ער איז מברר ע"י לימוד התורה, אדער עשיית המצוה, ביז וואנעט אז דאס ווערט נתאחד מיט עם צוזאמען, ווי ער זאגט לפנ"ז "לשם יחוד קוב"ה ושכינתי'", א ענין פון א שידוך ביז נשואין.

- למעלה אפילו - קוב"ה ושכינתי' ווי אזוי ווערט דאס? איז דער אלטער רבי מבאר אין תניא, דורך דערויף וואס ער איז מאחד דער ענין וואס געפינט זיך בגשמיות, און דאס ווערט איין זאך מיט דעם קוב"ה שבו.

דערנאך קומט דאס אראפ נאכמער בכללות, אדער נאכמער בפרטיות (ווי מ'וויל דאס אויסטייטשן) בנוגע אט דאס וואס דוקא אין דרא דעקבתא דמשיחא קען אויפגעטאן ווערן דורך נשי ובנות ישראל נאכמערער ווי ס'ווערט אויפגעטאן דורך אנשי ישראל, און בני ישראל.

וואס דאס לערנט מען ארויס פון דער משנה, אז ס'איז דא א בחור, וואס פארוואס ווערט ער אנגערופן א בחור? - בחור מעם, ווי מ'זאגט ביי "חתן תורה", און "חתן בראשית" דער לשון פון "בחור",

און ווי מ'זאגט די מעלה אויף יעקב'ן (וואס נקרא ישראל) אז ער איז דער "בחיר" שבאבות, דער אויסגעקליבענער פון די אבות.

וואס אט דער בחור האט עינים, און וויבאלד אז ער איז "בחור" איז דערפון פארשטאנדיק אז די עינים זיינע זיינען אויכעט אין א אופן וואס זיי זיינען "עינים" בחורות - אויסגעקליבענע.

ד.ה. אויף באווארענען עם מ'זאל ניט קוקן וואו ער דארף ניט קוקן, איז מאי קמ"ל?! דאס איז א ענין שבפשטות!

מ'דארף אבער באווארענען: ער קען דאך קוקן אין עניני רשות - באווארנט מען אז ער קוקט מערניט אין ענינים נבחרים, וויבאלד אז ער איז "בחור", זיינען זיינע אויגן אויסגעקליבענע, קוקט ער אויכעט אין ענינים וואס זיי זיינען אויסגעקליבן - ניט באווארענען ענינים אסורים אדער מאוסים, נאר אין עניני רשות קלייבט ער אויס די זאכן וואס מ'האט זיי אויסגעקליבן.

- וואס הייסט אויסגעקליבן פון עניני רשות - ווי דער לשון המשנה (אין דעם ענין): "קחו מקחכם לש"ש", און דער לשון המשנה אז "כל מעשיך יהיו לש"ש", וואס דאס ווערט א הכנה אז דערנאך טוט ער דערמיט א ענין של מצוה בפועל,

וואס דורך דערויף ווערט - כאמור לעיל - דער יחוד קוב"ה ושכינתי' - דער ענין הנישואין פון קוב"ה ושכינתי', דער ענין הנשואין פון אידן מיטן אויבערשטן, דורך דערויף וואס א איד נעמט ארויס דער ניצוץ קדושה, און דאס ווערט "דם ובשר כבשרו" - א חלק ממנו.

און אעפ"כ איז דאס נאך ניט מספיק - וויבאלד אז מ'שטילט אין א טאג ווי ט"ו באב, און מ'שטעלט אין א טאג ווי יוה"כ, וואס דעמולט דארף דאך זיין בידע ענינים: א) אן עלי' שלא בערך, ב) און ס'דארף זיין אויך פארבונדן בדוגמא ווי מ'זאגט אויף יוה"כ אז דאס איז עליית המלכות, שלב"ע ווי שאר ימות השנה, ועד"ז בט"ו באב איז שלא בערך פון ט"ו פון שאר חדשים, אע"פ וואס אויך דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא",

קומט דאס ניט צו דעם "קיימא סיהרא באשלמותא" פון ט"ו באב, קומט די "סיהרא" - וואס ביי אידן גופא וואס דוגמתם זיינען נשי ובנות ישראל,

[אזוי איז כללות עם ישראל זיינען זיי סיהרא בערך הקב"ה, דערפאר זיינען זיי "נמשלו ללבנה", און "מונין ללבנה", מיט כמה פרטים בדוגמת הלבנה,

אין אידן גופא איז דאך אויכעט דא דער שמשא וסיהרא - דער ענין פון א בחור און דער ענין ווי דאס איז נשי ובנות ישראל],



הנחה פרטית בלתי מוגה

פועל'ן זיי אויף אין דעם בחור שבישראל, אז ביי עם זיינע ענינים וואס (כאמור), זיינען זיי געקליבענע, און זיי קוקן מערניט ווי אין געקליבענע זאכן, און זיי פועל'ן אין עם אז ס'זאל זיין דער "שא נא עיניך" אז זיי ווערן נאך העכער, און העכער, און דאס פועל'ט אויכעט בפועל אז ס'זאל נאכמערער "קחו מהכם לש"ש", ווי די משנה איז דערנאך ממשיך.

וואס דאס איז אויכעט ע"ד המדובר לעיל אין המעשה הוא העיקר.

ובפרט נאך אז דאס קומט בהמשך וואס אין אה"ק איז געווען אין אור לט"ו באב איז דאך דארט געווען דער כנס פון נשי ובנות ישראל, מיט החלטות טובות, און ברוב עם הדרת מלך, און מיט ענינים של התעוררות בכלל בנוגע צו תורה ומצוותי',

און במיוחד בנוגע צו טהרת המשפחה, ובנוגע צו קיום המצוה פון פרו ורבו ביז אין א אופן פון ומלאו את הארץ, און דערנאך אויכעט אין א אופן פון "וכבשוה", ע"י וואס דאס איז בנים ובנות עוסקים בתורה ומצוותי'.

זאל דאס אויכעט ארויסקומען דארטן בפועל אין ענינים פון "המעשה הוא העיקר", און אויכעט כולל זיין אז מהן יראו וכן תעשינה רבות נשי ובנות ישראל בכל מקום שהן.

אט דארט וואו ס'איז דא א כינוס, אדער מיט א כינוס-אן א כינוס, און מה-טוב בהחלטות של רבות ביחד, כמבואר בארוכה אין קונטרס החלצו, אז בשעת מ'נעמט אן א החלטה בהשתתפות של רבים, אדער רבות, האט דאס מערער קיום, און דאס האט מערער הצלחה,

ועוד ועיקר: אז דאס האט אין זיך מערער דער אמת לאמיתו, וויבאלד אז דאס איז בהסכמת רבים אדער רבות, איז דא ווייניקער שייכות א ענין פון א פני' צדדית, אדער א טעם וואס איז פארבונדן מיט א יחיד אדער א יחידה, וויבאלד אז דאס איז בדעת הרוב, אדער בדעת כולם.

אנהויבנדיק, אט דאס וואס זיי דארפן אויפטאן כמדובר, ענינים וואס ר"ת שלהם איז דאס חנה, אדער החן, וואס דאס איז דער טהרת המשפחה, און הדלקת הנר, און חלה, וואס איז פארבונדן מיט כשרות האכו"ש.

ועוד ועיקר: דער ענין פון חנוך הבנים והבנות, וואס דאס איז דאך די ערשטע יארן פארבונדן (ברוב הענינים ככולם) דוקא מיט דער אם (שצריך לאמו) ביז ווי ער ווערט א בן חמש ובן שש (מיט די אלע גדרים ווי ער זאגט אין דערויף אין ש"ס).

עד"ז אויכעט בנוגע צו כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה, ברייננגט דאך אראפ די גמרא אז עד א' נאמן, והראי' אז מ'האט געגלויבט און איבערגעגעבן אינגאנצן לנשי ישראל, ובנוגע צו כשרות אויכעט צו בנות ישראל, ווי ס'פירט זיך אין א אידישער הויז, אז די בת איז עוזרת לאמה בנוגע לעניני הבית, בנוגע צו כשרות, בנוגע לחינוך,

און גרייט זיך אויכעט בנוגע ווען זי קומט צו דעם גיל המתאים, בנוגע לעצמה.

וכמדובר - אז מה-טוב - מ'האלט דאך נאך בחודש החמישי, ווי ער זאגט אויף דערויף אין ילקוט שמעוני (כמדובר בארוכה אין די פריערדיקע התוועדות) איז דאס א ענין וואס איז אינגאנצן געגעבן געווארן על מנת כדי מ'זאל זען בפועל אין מזל פון חודש החמישי - מזל ארי', זאל מען דעמולט דערזען אלקות - ג-טלעכקייט, ווי עס שטייט מלובש אין טבע, וואס דעמולט איז דאס אלקים בגימטריא הטבע,

ניט אפילו מספיק ווי ער שטייט בגלוי אין טבע, אבער ס'קען זיין אז דער ארי' שטייט אין א אופן ניט מיט א ביטול גמור, אדער א ביטול בכלל,

נאר ס'זאל זיין "ארי'" זאל זיין אין א אופן פון "שאג".

וואס "שאג" איז מטיל יראה, אבער אין יראה קען דאך זיין אדער "יראה תתאה", אדער "יראה עילאה" - זאגט מען אז דאס איז אזא מין "שאג", אז ס'איז גאר ניטא קיין מציאות אז ס'זאל ניט זיין קיין יראה.

וואס דאס איז דאך דוקא בנוגע צו יראה עילאה, וואס דעמולט ווערט בטל אינגאנצן די מציאות.

ביז וואנעס אז ס'איז ניט שייך אז דערנאך זאל עפעס בלייבן א מקום לאחיזה פון ישות ומציאות.

און דאס איז דער ענין פון חודש החמישי שמזלו ארי', אז דער אויבערשטער וואס ער איז נקרא ארי', זאל ערשטיין אין א אופן גלוי אין דעם עוה"ז הגשמי וואס ס'איז געווען פריער די מציאות פון "עלה ראי' מסובכו" - שטייט דער אויבערשטער - ג-טליכקייט בגלוי, אין א אופן פון "שאג", און אזא מין שאגה וואס מי לא יראה. - ס'קען גאר ניט זיין אן אופן פון ישות ומציאות.

און דאס זאל אראפקומען בפועל אין יבנה אריא-ל, און ווי ער ברייננגט גלייך דעם אפטייטש אויף דעם "בונה ירושלים ה' נדחי ישראל יכנס" - אויך דעם סיום הכתוב, וואס דאס קומט ע"י וואס יעדער איד וואס ער האט דאך א חלק אלוקה ממעל ממש, בויט ער אויף דעם ירושלים שבקרבו וואס דאס איז די שלימות היראה שלו, ווערט דאס ביי עם ניט א יראה בפ"ע, נאר דאס ווערט דערפון א בנין פון א עיר גדולה - קרית מלך רב, און נדחי ישראל יכנס - ער קלייבט צוזאמען די אלע ניצוצות הקדושה וואס איז שייכות צו עם, זיינען זיי ניט מפוזר ומפורד, נאר ער קלייבט זיי אלעמען צוזאמען אין דעם אמת'ן כינוס,

וואס א אמת'ער אחדות איז דאך "אין שלום אמר ה'", צו היפך פון צדיקים,

וואו איז שייכות די אמת'ע אחדות - ווען דאס איז "נגד ההר", אז ס'איז פארבונדן מיט אחדות אמיתית, וואס דאס איז אחדות הפשוטה.פון דעם אויבערשטן, וואס ער האט איר אראפגעגעבן למטה ע"י בתינת התורה, וואס זי איז תורה אחת, און האט דארט צוגעגרייט א כלי המתאים, דער גוי אחד אפילו ווי ער געפינט זיך בארץ.

און דורך דערויף וואס א איד טוט אויף דער ענין ברוחניות (כמדובר לעיל), דער בונה ירושלים ה' נדחי ישראל יכנס, ברוחניות העבודה שלו, קומט דערנאך דער עיקר [וואס אין דערויף גופא איז המעשה הוא העיקר] אז ס'זאל זיין ושם נעשה לפניך כמצות רצונך, אין תכלית השלימות, מוז מען דאך האבן א בהמה גשמית, און א ירושלים פון אבנים ועפר, וכל הענינים שבה, ועד"ז נדחי ישראל יכנס אויכעט בפשטות,

די התחלה בזה (כמדובר) - הויבט זיך אן פון "קיימא סיהרא באשלמותא", אז זי שטייט בגלוי "באשלמותא", וואס דאס איז בט"ו באב,

און דאס קומט אראפ דערנאך אויכעט אז מ'איז פועל ביי דעם "בחור", אין זיינע עינים זאל אויכעט זיין "שא נא עיניך",

און אט דעמולט - ווי ער איז מסיים אין די משנה גופא, אז דאס איז אויכעט א הוכחה אויף ווינ[illegible] דאס איז פארבונדן מיט עבודה רוחנית, אז מ'ברייננגט די ראיות אז ס'איז געווען די גרעסטע ימים טובים ט"ו באב, וביוה"כ, ברייננגט מען אויף דערויף די ראי' פון המלך שלמה ביום חתונתו וביום שמחת לבו.

וואס דאס גייט דאך נוסף אויפן פירוש פשוט אויף שלמה המלך, איז דאך כל שלמה שבשיר השירים איז דאס קודש - להמלך שהשלום שלו, אז דאס גייט אויפן אויבערשטן



הנה"ח פרטית בלתי מוגה

אס "עטרה לו אמו ביום חתונתו וביום שמחת לבו", וואס דאס גייט אויף יוה"כ, אס דעמולט ניתנו לוחות אחרונות, וואס דעמולט איז די חתונה צווישן אידן, מיטן ויבערשטן (שנקרא שלמה).

איז די משנה גופא מדגיש אז ס'איז געווען דער ענין כפשוטו וויבאלד אז די משנה זאגט א הלכה פסוקה, צי בלשון מנהג, צי בלשון הלכה פסוקה, הלכה יוצאה מידי פשוטה, און די משנה פארבינדט דאס גלייך און מ'ברייננגט אויך די ראי' אז דער ענין איז אזוי ברוחניות "ביום חתונתו ביום שמחת לבו" - בנין ביהמ"ק, ומ"ת, שבו ניתנו לוחות אחרונות.

וואס דאס איז אויכעט דער ענין כמדובר לעיל, בנוסף וואס מ'האט גערעדט פריער וועגן כל המוסיף מוסיפין לו - דער ענין פון "מבצע תורה", קומט אויכעט די משנה, און איז מדגיש די מבצעים וואס זיינען פארבונדן במיוחד מיט נשי ובנות ישראל, אנהויבנדיק פון דעם ענין פון נרות שבת קודש ויו"ט, כולל אויכעט יוה"כ,

כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה, וואס דאס איז אויכעט אין זיך כולל אז בשעת ס'איז טהרת המשפחה, איז דאך פארשטאנדיק אז מ'מישט ניט אריין אין חיי משפחה חשבונות פון געלט, און מה יאמרו הבריות, און וואס וועט זאגן פלובית בת פלונית, בשעת זי וועט זען אז מ'איז מקיים דעם ציווי הקב"ה "פרו ורבו ומלאו את הארץ", און מ'טוט דאס בשמחה ובטוב לבב.

וואס דערנאך קומט דאס אויכעט אראפ אז דורך דערויף ווערט די "תפילין" - מבצע תפילין, וואס תפילין איז דאך אויכעט איינע פון די טייטשן בזה, בדוגמא ווי דער ענין פון תפלה - "התופל כלי חרס" - אז מ'איז זיך מתחבר עם הקב"ה, וואס דאס איז ניכר במיוחד אין תפילין, וויבאלד אז א חלק פון קיום המצוה ניט נאר פון כוונת המצוה איז "לשעבד הלב והמוח", וואס דאס איז פון די "תלת שליטין בגופא", וואס זיי זיינען די שליטים אין אלע רמ"ח איברים, דער כבד איז דאך א "נע במקומו", און מלשון "כבדות", כמבואר במפרשים, איינע פון די פירושים פארוואס ער הייסט מיטן לשון כבד.

אבער מוח ולב זיינען זיי דאך שליטין ופועלין אין ענינים של מחשבה ודיבור ביז אין מעשה בפועל,

וואס דערפון קומט דאס דערנאך אראפ אין "יקחו מקחכם לש"ש", אין כל עניני העולם, ווערט דאס ביי עם לש"ש דורך דערויף וואס ער איז קובע "ש"ש" - ש'-ד'-י' על מזוזות ביתך ובשעריך, וואס דאס איז דאך כולל כל נכסיו, כולל אויכעט חלקו בעולם.

און אין וואס פאר א אופן טוט ער דאס - ווי ער זאגט אין דער משנה, אז אלע זיינען געווען אין "שאולים" - געליענע קליידער, כדי "שלא לבייש" וואס דאס איז דער ענין פון צדקה,

וואס אין צדקה גופא איז דאך דא די דרגא הכי נעלית, ווי די גמ' זאגט אין ב"ב, אז "הנותן פרוטה לעני מתברך בשש והמפייסו מתברך בי"א" וואס דאס איז דער ענין שלא לבייש.

וואס די אלע ענינים זיינען דאך פארבונדן (כמדובר כמ"פ) דורך דערויף וואס ער איז מחנך זיך, און מצד אהבת ישראל אויך מחנך יעדער אידן וואס ארום זיך און בפרט אויכעט ווי דאס איז מודגש בנוגע צו נשי ובנות ישראל, אז בת מלך איז שואלת פון כה"ג (אדער ווי די צווייטע גירסא, מיט דער חילוק פון בבלי וירושלמי, כמדובר אמאל באריכה צי בת מלך מבת כה"ג, צי בת כה"ג מבת מלך).

וואס דאס איז דאך כולל די אלע מבצעים, וואס זיי זיינען דאך כולל אין זיך די אלע מצוות כמדובר כמ"פ באריכה,



הנחה פרטית בלתי מוגה

און ס'ווערט אין א אופן וואס "יוצאות וחולות בכרמים", וואס דאס איז דאך מדגיש אויף דעם ענין פון "עבדו את ה' בשמחה",

און דערפון קומט מען, ובמהרה בימינו ממש, אז ס'זאל זיין מתוך שמחה וטוב לבב, זאל יעדער איד, און אלע אידן זאל זיין "יוצאות וחולות בכרמים", און כסיום המסכתא אז דער אויבערשטער מאכט א מחול, און ער זיצט, און יעדער איד וואס "עמך כולם צדיקים" באווייזן באצבע "זה אלקינו קוינו לו", און א צווייטן מאל "זה ה' קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו" - שני פעמים זה,

במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו,

ובפרט אז מ'וועט מוסיף זיין אנהויבנדיק פון אור לט"ו באב, ווי דער פס"ד האמור אז "מאן דמוסיף מוסיפין לו", און ס'קומט צו אין לימוד, קומט צו אין דעם "גדול לימוד שמביא לידי מעשה" - קומט צו אין דער מעשה אויכעט,

אנהויבנדיק פון די מבצעים האמורים, וכללות ענין התורה ומצוותי', ביז אז מ'וועט זוכה זיין צו מקיים זיין יעדער מצוה, און אלע מצוות כמצות רצונךף

בארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", אין יעדער מצוה וואס איז פארבונדן מיט יעדער טאג אין יאר, צי דאס איז יוה"כ וט"ו באב, צי דאס איז ימי השבת וימים טובים, אדער דאס איז ימים וואס ווערן אנגערופן ימי החול ע"פ שו"ע, און ימי המעשה, וואס דעמולט איז נאכמער בהדגשה די מעלה שבהם וואס דוקא דעמולט קען ארויסקומען דער "המעשה הוא העיקר" - דער "שש שנים תזרע שדיך, ושש שנים תזמור כרמיך", וואס דאס בויט אויף דעם "ובשנה השביעית שבת לה'", וכמדובר אין דעם המשך הכתובים, אז דורך וואס איז די ברכה בשנה השביעית, איז "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית", וואס דעמולט איז דאך נאכמער מעשה ווי שאר ימות השבוע, ביז וואנעט ווי די גמ' פסק'נט אפ אז בשאר ימי המעשה אז מ'לויפט און מ'איז מזיק א כלי דארף מען באצאלן, משא"כ אז ער לויפט ביום הששי בי שימשא, אט דעמולט איז ער רץ ברשות, ווארום ער דארף אריינכאפן - ער האט אסאך וואס אויפצוטאן ביז וואנעט "והביאו משנה", פאר יום הששי און פאר יום השביעי.

איז "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית" - וואס יש לומר אז אין שנה השביעית עצמה איז יעדער טאג פון יאר האט אין זיך צוויי ענינים: א) ער איז א טאג פאר זיך, וואס דאס איז א טאג פון שנה השביעית, ב) ער איז אויכעט א הכנה צו א טאג פון שנה השביעית וואס קומט אויף מארגן.

וואס דאס איז כמדובר - אראפברייינגען דאס אין א מעשה בפועל;

בדוגמא ווי דער ערשטער ענין, איז דער עיקר פארבונדן מיט אנשי ובית ישראל, איז ביי זיי דער עיקר חיוב - לימוד התורה, אבער ס'איז דאך אויכעט דא דער חיוב לימוד התורה בנוגע צו נשי ובנות ישראל,

עד"ז דער צווייטער לימוד - ווי די משנה איז מדגיש איז דאס פארבונדן דער עיקר מיט "בנות ירושלים", און "בנות ישראל", "יוצאות וחולות בכרמים", אלץ מתוך שמחה וטוב לבב, ס'איז אבער אויכעט שייכות עכ"פ מעין זה בנוגע צו אנשים ובנים וואס זיי דארפן דאך אויך טאן כל התלוי בהם אין אלע מבצעים אויכעט אין דעם מבצע פון טהרת המשפחה, און כשרות האכו"ש, און נרות ש"ק ויו"ט, און דעם ענין פרו ורבו, וכו'.

ואדרבה: אין דערויף זייבען זיי נאכמער עיקר אין פרו ורבו, כמדובר בארוכה אין פוסקים,

ובצירוף כולם יחד, אז ס'ווערט בנערינו ובזקננו בבנינו ובבנותינו, וועט



הנחה פרטית בלתי מוגה

"נצבים כולכם לפני הוי'", ניט נאר "ראשיכם שבטיכם", נאר אויך "נשיכם וטפכם", ווערט דאס "לפני הוי'" אין דעם ביהמ"ק, וואס אויף עם זאגט מען אז דאס איז א ביהמ"ק וואס "כוננו ידיך".

ובפרט נאך אז בשנה הבאה איז דאס די שנת הקהל, - אז ס'זאל זיין דער "הקהל את העם האנשים והנשים והטף" אין דעם ביהמ"ק השלישי,

אין זמן שמחתנו, און אויכעט מתוך שמחה, און די הכנות לזה, אנהויבנדיק פון ט"ו באב, הולך ומוסיף סיי אין שמחה, און סיי אין "פקודי ה' ישרים משמחי לב" - סיי אין קיום המצוות וואס דארף זיין אין א אופן של שמחה,

ומתוך שמחה וטוב לבב בפשטות למטה מעשרה טפחים.

* * *

ג. דער ענין פון "לא הי' ימים טובים לישראל כט"ו באב ויוה"כ" ברייננגט זיך דאך אראפ אין כמה מאמרים פון רבותינו נשיאינו ובארוכה אין דעם מאמר פון שנת עת"ר וואס הויבט זיך אן "נחמו נחמו" און דערנאך גלייך אריבער וואס ער זאגט במשנה אז "לא היו ימים טובים לישראל כט"ו באב ויוה"כ", און זאגט אויף דערויף אז "איתא בפרע"ח (דעם טעם, דערפאר וואס דאס איז) קיימא סיהרא באשלמותא",

און מ'פרעגט גלייך אויף דערויף: "קיימא סיהרא באשלמותא" איז דאך דא בכל חמשה עשר שבכל חודש?

און פון דער משנה איז דאך משמע אז "לא היו ימים טובים כט"ו באב", איז דאס ניט מערער סתם פון אלע איבעריקע ט"ו בחדשים אחרים, נאר אפילו פון חודש ניסן, וואס דעמולט איז "זמן חרותינו", "זמן חג המצות", וואס הויבט זיך אן בט"ו בניסן, און אויכעט פון "זמן שמחתנו" - פון חג הסוכות, וואס איז בט"ו בתשרי.

און מ'פארענטפערט אויף דערויף:

יעדער ירידה איז צורך עלי', און כל עלי' איז לפ"ע הירידה, און וויבאלד אז די ירידה איז א טיפערע, איז דערפון פארשטאנדיק אז די עלי' איז א העכערע.

וויבאלד אז די ירידה פון אב איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון תשעה באב, וואס דעמולט איז דאך "ירידה פלאים", איז דערפאר איז אויכעט די עלי' אויכעט אין א אופן נאכמערער, ניט נאר ט"ו של שאר החדשים, אפילו פון ט"ו בניסן, און ט"ו בתשרי.

וואס דאס איז לכאורה צריך ביאור - ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות:

וואס חסידות איז דאך מבאר, אז ט"ו בניסן איז דעמולט זיינען אידן געווען בדוגמת פון צדיקים - "גר שנתגייר כקטן שנולד דמי", ניט שייך ער זאל האבן פון פריער עפעס וואס, נאר הויבט גלייך אן עבודתו אין א אופן פון א צדיק,

ט"ו בתשרי, קומט דאס לאחרי די עבודה פון חודש אלול, ובפרטיות פון די עשרה ימים שבין ר"ה ויוה"כ, אויף וועלכן מ'זאגט אז דעמולט איז "קרוב" און "בהמצאו", ("דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב" - אלו עשרת ימים) און דערנאך קומט ווען "קיימא סיהרא באשלמותא", וואס דאס איז דער ענין ווי דאס איז "אשלמותא", אין עבודת התשובה.

און דערפאר קומט דאס דערנאך אויכעט ארויס בגלוי אין א ענין פון מועדים לשמחה, נאר דאס איז א שמחה פון א בן מלך וואס איז בתמידות בבית אביו המלך,



הנחה פרטית בלתי מוגה

אדער א בן מלך וואס ער איז געווען בשבי', און דערנאך איז ער חוזר אל בית אביו המלך.

וואס עפ"ז איז דורש ביאור:

וואס איז פארט נאך א העכערע ענין אז מ'האט דערביי סיי צדיקים, סיי דער ענין פון בע"ת, וואס דאס איז אויכעט כולל "עתיד לאתבא צדיקיא בתיובתא", איז וואס איז דא דער דריטער ענין וואס מ'זאגט אז דאס איז נאך א העכערע עלי' אפילו די עלי' פון ט"ו בתשרי וואס דאס איז תכלית העלי' ווי פארבונדן מיט עלי' פון יוה"כ וואס נאך דערויף קומט דאך דער ענין פון ט"ו בתשרי?

וי"ל בדא"פ:

מ'געפינט בדוגמת זה אויכעט א ביאור אין א גאנצער קונטרס פון דעם רבי'ן נ"ע, וואס ער פרעגט די שאלה הידועה בדוגמת זה:

מ'זאגט אז "נר מצוה ותורה אור, ודרך חיים תוכחת מוסר",

און מ'פרעגט אויף דערויף די שאלה: נאך דערויף וואס ס'איז דא "נר מצוה", און דערנאך איז "תורה אור", און דערנאך זאגט מען נאך א ענין, אז ס'איז דא "דרך חיים" וואס דאס איז נאך א הוספה אויף דעם "נר מצוה ותורה אור"?

וואס וואס איז שייך נאכמערער ווי "מצוה ותורה"?

און מ'זאגט אז דאס איז א גאנצער "דרך", און דוקא דער דרך ווערט אנגערופן "דרך חיים", פארבונדן מיט "תוכחת מוסר", ווי ער איז מבאר דערנאך אין דעם המשך פון קונטרס "עץ החיים", די פרטי הדברים.

וואס עד"ז געפינט מען דעם חילוק צווישן ט"ו בניסן, און ט"ו בתשרי:

ט"ו בניסן איז פארבונדן מיט מצוות - נר מצוה, ס'איז געווען קודם מ"ת, ס'איז אבער געווען "מצוות", וואס שוין דעמולט זיינען נתייחדו ישראל בין כל שאר אוה"ע, ווי דער רמב"ם ברייננגט אויכעט אראפ דער ענין בפשטות, אז ס'איז דא די שבע מצוות אין וועלכע נצטווה כל ב"נ, דערנאך איז דא וואס עמרם האט מוסיף געווען, און פאר דערויף וואס יעקב האט מוסיף געווען, און יצחק האט מוסיף געווען, וכו',

ביז ווי אויכעט געבראכט בפשטות, און ווי רש"י ברייננגט דאס בפירושו עה"ת, "כאשר צוך במרה", וואס מרה איז דאך געווען פאר מ"ת, אבער מרה איז געווען לאחרי יציאת מצרים, אבער פאר מ"ת, אבער נאך פאר "כאשר צוך במרה", איז געווען כמדובר דער ענין כפשוטו, וואס מ'געפינט דער ציווי פון קרבן פסח בכמה וכמה פרטים, וואס דאס איז נאך געווען ווען זיי זיינען געווען אין מצרים, און ס'האט זיך אנגעהויבן קיומו בארבעה עשר בניסן, פאר חמשה עשר בניסן,

עאכו"כ בט"ו בניסן, אז ס'איז נאך כמה פרטים, אבער אלץ געווען קודם מ"ת.

וואס וואס איז דעמולט געווען דער אונטערשייד און דער אויפטו און דער עילוי, אין די מעלה פון אידן, איז געווען דער ענין פון "נר מצוה".

ווי אזוי קען מען מקיים זיין א מצוה - דארף מען לערנען תורה, האט מען געלערנט אויכעט תורה, אבער דער עיקר הענין איז געווען און דאס וואס האט זיך פארבונדן מצוה - מל' צוותא וחיבור, אנהויבנדיק פון מצות מילה, וואס דוקא דאס איז דער ענין פון נקיטת חפץ בזמן ההוא, א דבר שבקדושה (כמדובר כמ"פ) נאך פון

אברהם אבינו. און דערנאך (ווי כאמור) וואס דער רמב"ם ברייגגט אז יצחק און יעקב און עמרם און גדולי ישראל וכו',

ביז מקרא מלא דיבר הכתוב - מצות מילה האט א שייכות צו בני קטורה, אנהויבנדיק פון "כזה ראה וקדש" - קידוש הלבנה, וואס דערנאך פון דעם "כזה ראה וקדש" בר"ח ניסן, איז דאך דערנאך געקומען צו "קיימא סיהרא באשלמותא". בט"ו בניסן איז צוגעקומען כו"כ מצוות.

וואס דאס איז דער ענין פון "נר מצוה".

און אין דערויף איז קיימא סיהרא באשלמותא - דער ענין פון ט"ו בניסן.

און דערנאך איז דא "תורה אור":

ווי געזאגט בנוגע צו יוה"כ ווי די משנה ברייגגט דא אראפ "ביום חתונתו וביום שמחת לבו", וואס דעמולט איז ניתנו לוחות אחרונות, און דערנאך קומט ארויס דער "קיימא סיהרא באשלמותא", דער ענין פון ט"ו בתשרי.

און דערנאך קומט דער דריטער ענין פון "דרך חיים תוכחת מוסר":

וואס ווי ער איז מבאר אין דעם קונטרס איז דאס דער ענין פון פנימיות התורה, יראת ה', וכו'.

וואס לכאורה איז דאס גופא דארף האבן א ביאור:

אין מ"ת איז דאך געגעבן געווארן סיי נגלה דתורה, און "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש" סיי אין נגלה און סיי אין פנימיות התורה?

אמת טאקע, ס'וועט צוקומען אין תורתו של משיח, און צוקומען אין א אופן שלא בערך, וויבאלד אז מ'זאגט אז תורה בעוה"ז איז "הבל הוא לגבי תורתו של משיח", אבער אעפ"כ איז מ"ת נאכמאל - כלשון הידוע - וועט ניט זיין!

וואס דאס איז דער דריטער ענין פון דרך חיים תוכחת מוסר, וואס ס'וועט זיין לע"ל, און וואס מעין זה איז דאס דא אין ט"ו באב וביוה"כ, אבער ניט דאס איז פארבונדן, און ניט דאס איז דער עיקר הענין פון ט"ו בתשרי, ווארום אניט וואלט ט"ו באב ניט געקענט האבן דעם עילוי לגבי ט"ו בתשרי.

וואס דאס איז אויכעט די הסברה בזה - בדא"פ:

בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו פנימיות התורה, אז פנימיות התורה איז שוין דא איצטער, און ווי ער איז מאריך אין דעם קונטרס גופא אז "דרך חיים תוכחת מוסר", איז דאס ניט א ענין פון לע"ל, [נאר] דאס איז א ענין וואס איצטער דארף זיין "נר מצוה ותורה אור ודרך חיים תוכחת מוסר",

אעפ"כ זאגט מען בדוגמא ווי אין די בתי מקדש:

ס'איז דא צוויי בתי מקדשים, און ווי מ'זעט בפועל, אין מקדש ראשון איז געווען א "בית מוכן להקריב בו קרבנות" - און האט געהאט אויכעט די חמשה דברים,

פונדעסטוועגן דער "כפלים לתושי'", די מעלה פון לוחות אחרונות, אז ס'זאל זיין משנה ואגדה און תוספתא מיט די אלע פרטים ווי ער רעכנט אויס אין שמו"ר, [אין מד"ר אין פרשה כי תשא] איז וואו געפינט מען ריבוי התורה - געפינט מען ריבוי התורה פון "במחשכים הושיבני" - זה תלמוד בבלי, און אין די מקדשים גופא

איז דאס געווען במקדש שני מערער וויפל ס'איז געווען במקדש ראשון, מצד דעם יתרון האור מתוך החושך, און יתרון החכמה מתוך הסכלות.

וויבאלד אז דעמולט האט געפעלט די חמשה דברים, אעפ"כ האט מען זיך מתעסק בתורה, איז צוגעקומען טאקע דורך דערויף (ווי ער זאגט אין חגיגה) אזוי איז ניט געווען מחלוקת בישראל, דערנאך איז געווען תלמידים שלא שמשו כל צרכם, וואס לכאו' איז דאס א גרעון און א ירידה,

איז דורך דער ירידה איז צוגעקומען אן עלי', א ריבוי אין תורה דורך פלפול התלמידים, און דוקא דורך דערויף וואס אלו ואלו דברי אלקים חיים, איז דברי ב"ש און דברי ב"ה, וואס דאס איז געווען לאחרי זה וואס ס'איז דורכגעגאנגען א ריבוי זמן אפילו שוין אין ביהמ"ק שני וואס ס'איז נאך אלץ ניט געווען קיין מחלוקת בישראל מ'האט גלייך געקומען לבירור הדבר,

בדוגמא ווי דער חילוק פון תלמוד ירושלמי, און תלמוד בבלי.

וואס דוקא "במחשכים" - זה תלמוד בבלי אט דארט ווערט די הלכה פסוקה - הלכה כבבלי לגבי ירושלמי.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אויכעט בכללות העבודה פון זמן הזה, ביז דער עבודה פון לע"ל.

און די ראי' אויף דערויף איז - ווי ער ברייננגט אין דעם מאמר, וויבאלד אז פונקט וואס ס'האט זיך אויפגעטאן אין ביהמ"ק שני "ואכבדה בו", און ס'האט זיך אויפגעטאן דורך דערויף דער "גדול יהי' כבוד הבית האחרון" ווי די גמ' טייטשט דאס אפ אין ב"ב (איינע פון די פירושים) אז דאס גייט אויף מקדש שני לגבי מקדש ראשון, וואס ס'איז צוגעקומען אין זמן.

וואס לכאו' איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

דא רעדט זיך וועגן בית "בניתי בית זבול לך", איז דערפאר וואס דארט איז געווען מיט צען יאר לייגער, דערפאר זאגט מען אז "גדול יהי' כבוד הבית הזה האחרון מן הראשון"?! וואס איז - ס'איז געווען נאך צען יאר?!

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז די צען יאר באווייזן אז ס'איז צוגעקומען אין דאס וואס א ביהמ"ק טוט אויף, ווארום דאס האט געווירקט און געווען מעשינו ועבודתינו נאך צען יאר,

וכמדובר כמ"פ, אז דאס איז ניט דער פשט אז לסופו איז צוגעקומען נאך צען יאר, אבער די ערשטע ת"י שנים זיינען די זעלבע אין מקדש ראשון, און אין מקדש שני -

וויבאלד אז דער לשון הכתוב אז דאס איז א בית האחרון, און דער בית אחרון איז גדול כבוד הבית הזה מן הראשון איז שוין מתחילתו אין דעם ערשטן טאג אין דעם ערשטן יאר פון דעם בית אחרון, איז ער "גדול" פון דעם בית ראשון.

וואס דא זעט מען אז פון וואנעט ברייננגט מען די ראי' אז ס'איז גדול הכבוד, דערפון וואס ס'איז צוגעקומען צען יאר.

בשעת מ'רעדט וועגן מקדש השלישי, וואס דאס איז "מקדש א' כוננו ידיך", און מ'זאגט אז דאס איז ניט א חילוק אז ס'קומט צו א מספר שנים, נאר א מספר שנים פון ביידע בתי מקדשות צוזאמען - נאר ס'קומט צו א נייער גדר: ס'ווערט א בנין נצחי.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס מעין זה איז טאקע געווען אין די ערשטע בתי מקדשים, ווערט יעדערער פון זיי אנגערופן "בית עולמים", ווי דער רמב"ם טייטשט אפ גלייך אין אנהויב פון הלכות בית הבחירה, אז דאס איז לדורי דורות - גלייך אויף מקדש ראשון.

אבער אעפ"כ קומט דאס ניט - ביז וואנעט אז דער חילוק איז פון כח און פועל. אז וואו איז דאס געשטאנען בפועל בגלוי, וועט דאס שטיין בביהמ"ק השלישי, וואס דארט וועט דאס ווערן א בנין נצחי.

וכמדובר - ס'איז ניט דער חילוק אז נאך דערויף וואס ס'וועט דורכגיין פיר הונדערט און צוואנציק יאר, און מ'וועט זען אז ער שטייט דערנאך אויכעט (א יאר נאך דערויף, און צען יאר נאך דערויף), נאר גלייך מתחילתו ביום הראשון איז הוא ארוך" ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אין תורה אור ליום שכולו ארוך, אז ס'איז ניט דער פשט אז בשעת ס'ענדיקט זיך פיר און צוואנציק שעה האט ער נאך א המשך נאר מתחילתו הוא ארוך.

עד"ז בנוגע צו ביהמ"ק השלישי - אז גלייך דער ערשטער קרבן וואס מ'וועט מקריב זיין ביום הראשון ווען יבנה ביהמ"ק במקומו, איז שוין אין דעם קרבן איז שוין "כמצות רצונך" - ווארום מ'איז עם מקריב אין א ביהמ"ק נצחי, אע"פ וואס דאס איז דער ערשטער יאר און ביהמ"ק ראשון איז געווען ת"י יאר, און דער ביהמ"ק שני ת"כ שנה.

וואס לכאורה איז דאך דאס א ענין וואס מ'איז מקריב די זעלבע קרבנות?

ס'קומט צו קרבנות חדשים, בדוגמא ווי ס'איז צוגעקומען קרבנות אין ביהמ"ק שני, ווי דערציילט אין מדרש, בדוגמא ווי ס'איז צוגעקומען קרבנות אין ביהמ"ק (ראשון) לגבי משכן שבמדבר,

ועד"ז איז דא כמה קרבנות וואס ווערן דערמאנט אין יחזקא-ל בנוגע לביהמ"ק השלישי, וואס ווי ס'איז משמע פון פשטות הכתובים זיינען זיי אין ביהמ"ק השני ניט געווען.

אבער עיקר הקרבנות איז דאס די זעלבע, פון כבש אחד בבקר "ואת הכבש השני תעשה בין הערבים", וואס דאס איז דאך "בו מתחיל ובו מסיים" "שלא יקדים מקרבן תמיד, ולא יאחר מקרבן תמיד", וואס דאס איז בשוה ווי ס'איז געווען במשכן שבמדבר, און ביהמ"ק ראשון, און ביהמ"ק השני,

אעפ"כ זאגט מען אז דעמולט וועט דאס זיין "כמצות רצונך", וואס ס'איז אפילו ניט געווען אין משכן שבמדבר, און ניט געווען אין ביהמ"ק ראשון אע"פ וואס ס'איז געווען "קיימא סיהרא באשלמותא", דור החמשה עשר, ווי ער ברייננגט אראפ אין מדרש, אז ס'איז געווען דער דור חמשה עשר בא אברהם אבינו,

בדוגמא ווי געזאגט פריער, ס'איז דא דער "קיימא סיהרא באשלמותא" פון ניסן, ס'איז דא פון תשרי, ס'איז דא דער "קיימא סיהרא באשלמותא" דור החמשה עשר פון ביהמ"ק ווען "וישב שלמה על כסא ה'",

און אעפ"כ זאגט מען אז ווען איז "כמצות רצונך" - וועט דאס זיין דוקא לע"ל, אז ס'וועט זיין די שלימות אין דער בהמה, שלימות אין דעם אדם המקריב את הבהמה, און שלימות אין די נסכים, און כל הענינים וואס קומען מיטן קרבן, צוזאמען מיטן שלימות אין דעם "בית מוכן להקריב בו קרבנות", אז דאס איז א בית נצחי.

וואס עד"ז איז דאס אויכעט אין עבודת האדם:

וואס ס'איז דאך דא די עבודת האדם וואס ער טוט דאס מצד אט דעם ענין וואס

איז פארבונדן מיט וועלט, במילא האט דאס אויף זיך די מדידות והגבלות פון וועלט, וואס דאס איז שייכות אין קיום המצוות בעיקר, וואס יעדער מצוה איז דאך במדידה והגבלה, ווי ער זאגט אין תביא, און ווי מ'זעט דאס אויכעט בפשטות, כולל אויכעט דעם מצות ת"ת איז אויכעט דא אין מצות ת"ת (ווי דער לשון וואס ער זאגט אין תניא), לויט די שיעורים וואס זיי זיינען קבוע לכ"א אין הל' ת"ת.

וואס דאס איז דער כללות הענין פון "נר מצוה".

וואס דאס איז דאך אויכעט כולל אין זיך רמ"ח מ"ע, איז איינע פון זיי, איז מצות תלמוד תורה.

דערנאך איז דא "תורה אור", ווי דאס איז למעלה מן הכלים, דאס שטייט אין א אופן פון אור, און דאס איז אין זיך אויכעט כולל מצוות, - אז ער איז מקיים מצוות אין אן אופן פון "תורה אור".

נוסף אויף הענין כפשוטו, ווי גערעדט כמ"פ אז די ענינים הרוחניים דארפן עכ"פ האבן א רמז אין נגלה דתורה: אז כל העוסק בתורת עולה כאילו הקריב עולה.

- האט ער הקרבת העולה, דורך דערויף וואס ווי ער לערנט און טוט אין דעם ענין פון "תורה אור".

איז דערנאך איז דא ווי ער טוט א מצוה למעלה ממדידה והגבלה, אנהויבנדיק פון "הוקשה כל התורה כולה לתפילין" - טאר דאך ניט זיין מערער ווי פיר בתים, און פיר פרשיות, אָניט ווערט א ענין פון בל תוסיף, און בל תגרע,

איז אין דערויף גופא פועל'ט ער אויף א ענין <u>למעלה</u> ממדידה והגבלה, אז דער לשעבד הלב והמוח [ווי בפשטות הענינים, וואס דאס איז דאך א חלק פון קיום מצות תפילין, כמדובר לעיל], קען דאס זיין א שעבוד אין שני אופנים:

א) א שעבוד במדידה והגבלה, ב) אדער א שעבוד "בכל מאדך" - למעלה ממדידה והגבלה, וואס דעמולט ווערט דאס ביי עם א ענין נִצחי, ניט שייך דעמולט קיין שינויים, וויבאלד ער שטייט למעלה ממדידה והגבלה,.

וואס דאס איז בדוגמא פון דער חילוק פון ביהמ"ק ראשון, און ביהמ"ק שני, און ביהמ"ק שלישי, ביז ווי דאס איז אין עבודת האדם.

און דאס איז י"ל אויכעט בדא"פ בנוגע דעם אויפטו פון ט"ו באב, וואס "קיימא סיהרא באשלמותא", בנוגע צו "קיימא סיהרא באשלמותא" פון חודש ניסן, "קיימא סיהרא באשלמותא" פון חודש תשרי:

אע"פ וואס דאס קומט לאחרי עבודה פון יוה"כ, וואס יוה"כ זאגט מען אז דאס איז פארגליכן צו חמשה עשר באב?!

איז דאך לכאו' די שאלה נאך א שטארקערע:

חמשה עשר באב האט מערניט ווי די מעלה וואס דאס קומט לאחרי ת"ב,

יוה"כ האט ביידע זאכן: א) ערשטנס זאגט מען אז ס'איז גלייך צו ט"ו באב, מאיזה טעם שיהי', ב) דערנאך ווערט דער "מעלין בקודש" נאך יוה"כ קומט א העכערער ענין לגבי יוה"כ, וואס דאס איז ט"ו בתשרי,

און אעפ"כ זאגט מען אז ט"ו בתשרי איז ווייניקער ניט אזוי הויך ווי ט"ו באב, וואס לכאו' עפ"ז איז דאך א דבר ברור, ס'איז ניט אזוי הויך ווי יוה"כ,



הנחה פרטית בלתי מוגה

און מ'זאגט אז ט"ו בתשרי איז דער "קיימא סיהרא באשלמותא" פון דעם יוה"כ ... זס דאט איז בעשור לחודש איידער "קיימא סיהרא באשלמותא"?!

איז אט דאס איז בדוגמא ווי גערעדט פריער בנוגע צו תורה ומצוותי':

אז מ'זאגט אז ס'איז דא א ענין פון "נר מצוה" וואס דאס איז כולל כל המצוות, איז דאס כולל אין זיך די מצות התשובה, וואס דאס איז איינע פון די רמ"ח מ"ע, ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ לפס"ד אין אגה"ת אז ס'איז א מ"ע מה"ת, כולל אין זיך עאכו"כ די מצוה פון ת"ת,

דערנאך זאגט מען אז ס'איז דא א העכערע זאך דערפון, וואס דאס איז דער ענין פון "ותורה אור"; וואס דאס איז אין זיך אויכעט כולל דער ענין המצוות בפשטות לימוד התורה איז א מצוה, וכאמור לעיל, העוסק בתורת עולה, און אויכעט כולל אין זיך דער ענין התשובה, ווי ער איז מבאר בארוכה אין אגה"ת אז תשו"ע איז דאס דער ענין התורה - לימוד התורה.

דערנאך זאגט מען אז ס'איז דא א דריטע זאך וואס איז העכער סיי פון "נר מצוה", און "ותורה אור", וואס די זאך ווערט אנגערופן א גאנצער "דרך", און דאס איז "דרך חיים תוכחת מוסר".

וואס אט דעמולט איז אויכעט דער חילוק ווי ער ברייננגט דארט אראפ אויך פון די גמרא און מדש, אז "נר" איז דאס בדוגמא פון א נר, דערנאך איז דא ווי דער של"ה איז מפרש דער ענין פון "תורה אור" - דער ענין פון "מורה",

און דערנאך איז דא ווי די גמרא איז דאס מפרש אז דאס איז דער ענין פון אור היום, וואס דאס נעמט ער אן דעם אפטייטש פון "תורה אור".

דערנאך זאגט מען אז ס'איז דא נאך א העכערע זאך דערפון, וואס דאס איז והי' ה' לך לאור עולם", וואס דאס איז נאך העכער פון אור היום.

און ווי אזוי ווערט ער פארבונדן מיט אור ה' - איז דאס דורך לימוד פנימיות התורה, דע את אלקי אביך ועבדהו בלבב שלם, מיט יראה עילאה, מיט די אלע פרטים ווי ער רעכנט דארט אויס.

וואס עד"ז איז אויכעט אין יוה"כ איז אויכעט דא צוויי ענינים:

א) ס'איז דא דער ענין וואס יוה"כ איז בעשור לחודש, און דערנאך קומט עס נאך העכער בחמשה עשר בו (אין דעם זעלבן תשרי) וואס דעמולט דוקא איז "קיימא סיהרא באשלמותא", דערנאך איז דא (ווי ער ברייננגט אראפ אין מאמר) די עליית המלכות אין עתיקא, וואס דאס איז ניטא אין חגה"ס,

- דאס איז ביוה"כ, ניט אין חג הסוכות!

וואס אז מ'קומט אין עתיקא, אט דארט ווערט "כמצות רצונך".

בדוגמא ווי גערעדט פריער אז ס'איז דא דריי ענינים אין מצוות: א) ווי מצוה איז א מצוה, ב) ווי מצוה איז תורה, ג) און ווי מצוה איז תשובה, אדער "דרך חיים",

עד"ז איז דא אין תורה אויכעט די דריי ענינים: א) ווי תורה איז א מצוה, ב) ווי תורה איז א ענין פון "תורה אור", ג) תורה איז א ענין פון "דרך חיים תוכחת מוסר",

עד"ז איז אויכעט דא אין "דרך חיים תוכחת מוסר" די אלע דריי ענינים:



הנחה פרטית בלתי מוגה

א) ווי דאס נעמט דורך און אזוי איז ער מקיים א מצוה, ב) אזוי לערנט ער תורה, ג) און אזוי גייט ער בדרך החיים, אלס א דרך החיים, ניט כדי דערנאך לערנען באופן כך תורה, און מקיים זיין מצוות, נאר אלס א ענין (א דרך) בפ"ע - לשם עצמה.

וואס אין דעם ענין איז דאס ט"ו באב ויוה"כ, וואס אין ביידע (ווי ער טייטשט אפ אין דעם מאמר) איז עליית המלכות בעתיקא, ביז אין פנימיות עתיק, וואס בעיקר וועט דאס זיין לע"ל (ווי ער ברייננגט אראפ אין פע"ח, אז אלע עליות שבזמן הזה איז דאס אלץ אין חיצוניות עתיק, וואס דערפאר איז אויכעט ווי ער זאגט אז ס'איז אירוסין (אין מדרש רבה פ' בא) און ערשט לע"ל וועט זיין דער ענין הנשואין),

זאגט מען דא אז בט"ו באב וביוה"כ איז דעמולט "יוצאות וחולות בכרמים", און מ'זאגט אז ס'זאל זיין דער "לקחו מקחכם לש"ש", און ס'זאל זיין דערנאך דער ענין פון בנים ובנות עוסקים בתורה ובמצוות, וואס דאס קומט דוקא ע"י נישואין,

און וואס די התחלה בזה הויבט זיך אן ווען א איד איז מקיים א דבר אחד, במעשה, אדער בדיבור, אדער במחשבה, און טוט דאס בתמימות ובפשטות, ווארום ער איז ניט שייכות צו העכערע ענינים, אדער אויב ער איז שייכות צו כוונות וכיו"ב, טוט ער דאס צוזאמען מיט די כוונות, אדער אפילו דעמולט "אני מכוון לדעת התינוק", ווי דער צ"צ ברייננגט אראפ אין ספהמ"צ אין שורש מצות התפילה און בכ"מ,

וואס דאס הויבט זיך אן, און איז שייכות אפילו אין עקבתא דמשיחא, און אפי' אין חו"ל, און אפי' אין פשטות הגלות פון חושך כפול ומכופל, האט יעדער איד בכח בשעתא חדא, וברגעא חדא, וביומא חדא, זאל ער זיך אריבערשטעלן אין א אופן וואס ווערט אין א אופן פון נצחי,

און ער קען דאס טאן - ווארום ווי ער זאגט אין תניא אז "יחוד זה נצחי לעולם ועד", במילא איז די זאך א נצחי, ער דארף דאס מערניט ווי ממשיך זיין, אז דאס זאל עם דורכנעמען,

און אט דעמולט טוט ער אין א אופן פון נצחי, עכ"פ אין דעם שעתא חדא וברגעא חדא, עאכו"כ אז ער איז דערנאך ממשיך בזה אין כל ימות השנה, און טוט דאס אין דעם אופן כזה סיי אין "נר מצוה", און סיי אין "תורה אור", סיי אין "דרך חיים תוכחת מוסר",

און דעמולט ברייננגט ער אראפ דער ביהמ"ק הנצחי, דורך דער גאולה נצחית, ע"י משיח צדקנו,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

ד. מ'איז דאך אויכעט רגיל בזמן האחרון צוזאמענבינדן א ענין מיט דעם יום בשבוע, אדער יום בחודש אין וועלכן דאס קומט אויס.

וואס בט"ו באב איז דאס ניט שייכות געפינען א שייכות צו יום החודש, דאס איז דאך (כמדובר לעיל בארוכה) פון "קיימא סיהרא באשלמותא" - אין דעם חודש פון מזל ארי', און חודש החמישי,

ס'איז אבער דא שינויים אין דעם טאג ווי ס'קומט אויס אין דעם חלק השבוע, אין דער פרשת השבוע.

וואס דאס איז בשנה זו קומט דאס אויס ביום השני פון פרשת עקב.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וכתורת פון אלטן רבי'ן פון לעבן מיט דער צייט - ארויסנעמען א ענין פון דעם חלק בהסדרה פון דעם פרשת השבוע צווישן שני און שלישי.

וואס בשעת מ'געפינט זיך אין גלות, און אע"פ וואס מ'ווייס אז "קימא סיהרא באשלמותא" ווארום ס'איז דאך ט"ו במנחם אב, אבער בעיני בשר זעט מען דעם חושך כפול ומכופל פון גלות,

איז דא דער ענין וועגן דערויף ס'רעדט זיך אין דעם חלק פון דער סדרה.

וואס דארטן זאגט ער אז מ'זאל געדיינקען וועגן דעם אויבערשטן "המוליכך במדבר הגדול והנורא נחש שרף ועקרב".

וואס אויף דערויף איז דאך דא די תורת רבותינו נשיאנו און רשימות הצ"צ על הכתוב, און ער ברייננגט אראפ צוויי מדרשים בזה:

א) (א פריעדדיקן מדרש וואס דאס גייט כפשוטם של כתובים אז) "במדבר הגדול והנורא" - גייט דער "גדול ונורא" אויפן מדבר, אזן דערנאך בהמשך לזה, אז ס'איז געווען "נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים".

ב) (דערנאך ברייננגט ער אראפ אין א באזונדער סעיף פון מדרש רבה פון פרשת בשלח, וואס דארטן זאגט דער מדרש) מיט א תמי' גדולה: ווי אזוי קען מען זאגן אויף א מדבר אז דאס איז "גדול ונורא", וואס "גדול ונורא" (ווי דער צ"צ איז דאס מבאר מערער בפשיטות, אז "גדול ונורא") איז דאס תוארים פון דעם אויבערשטן, איז ווי איז דאס שייכות זאגן אויף א אנדער זאך, עאכו"כ אויף א ענין פון א מדבר, ווי ער ברייננגט דארט אראפ וואס ס'שטייט אין קבלה, אז ס'איז דא דער ענין פון א "עיר" אז דאס איז קדושה, און דערנאך איז דא דער ענין פון א "שדה" וואס דאס איז א מקום פנוי (ניט קיין דירת אדם אבער א מקום פנוי), און דערנאך איז דא "מדבר", וואס דאס איז דער ענין פון לעו"ז.

וואס מיט אט דאס טייטשט ער אפ די תמי' פון דעם מדרש: ווי איז שייכות צו זאגן "המדבר הגדול והנורא"?

און דער מדרש איז טאקע מבאר אז "הגדול והנורא" גייט דאס אויפן אויבערשטן, וואס דער אויבערשטער אלס א "גדול ונורא" - איז בשעת ס'איז א מדבר וואס דארטן איז "נחש שרף ועקרב" ווי דאס איז בפשטות און ברוחניות הענינים וכו', איז אעפ"כ איז ניט נאר דאס האט ניט געשאט אידן, נאר פארקערט: "מהלכין ביניהם", און די אידן זיינען געווען מושל ושולט אויפן "נחש שרף ועקרב", און ווי ער ברייננגט דארט אויכעט אראפ די דוגמא פון "וגר זאב עם כבש ופרה ודוב", מיט די פרטים ווי ס'וועט זיין לע"ל.

וואס דאס איז דער ענטפער:

אז מ'גיט א קוק בעיני בשר, און מ'ברייננגט נאך א ראי' פון כמה דינים אין שו"ע, וואס דאס איז דינים אין תורת אמת,

וואס לויט די דינים קומט אויס אז דאס איז "נחש שרף ועקרב" - ס'איז א חושך כפול ומכופל! וואס דערפאר דארף מען האבן כמה סייגים בתורה, און מ'דארף האבן כמה זהירות בתורה, און מ'דארף זיך היטן אין כמה עניני זהירות וואס אין זמן שביהמ"ק הי' קיים אפי' איידער ס'איז געווען דער דור פרוץ בענינים כלליים ופרטים האט מען ניט געדארפט אנקומען צו דעם חידוש און דעם תלמיד ותיק וואס האט מחדש געווען אז מ'דארף האבן אט די גזירות און אט דעם סייג, צו אט דעם מנהג,

ביז אין כללות הענין פון "יפוצו מעיינותיך חוצה", איז געווען א ענין פאר -



הנחה פרטית בלתי מוגה

יחידי סגולה, און ערשט ווען דער חושך איז געווארן גרעסער איז דעמולט איז געווארן דער "מצוה לגלות זאת החכמה", און דערנאך "יפוצו מעיינותיך חוצה".

און דערנאך ביז אין דעם קונטרס (וואס דערמאנט פריער) עץ החיים, ווי דער רבי נ"ע איז מבאר אז דוקא אין דעם זמן ווען מ'האט מייסד געווען די ישיבה פנן "תומכי תמימים", אט דעמולט איז געקומען מצד דעם "אכשור דרא בתמי'", דער הכרח גמור אז מ'מוז האבן דעם לימוד פנימיות התורה ביז אין א אופן ביז דעם גאנצן אופן פון א ישיבה, מיט דעם גאנצן אריכות הביאור, ווי ער איז דארטן מסביר און דאס איז דוקא מצד דערויף וואס ס'איז צוגעקומען אין דעם נחש שרף ועקרב וואס איז געווארן בכלל אין זמן הגלות, און ס'איז צוגעקומען נאך אין עקבתא דמשיחא, נאכמערער אין דעם תוקף פון דעם ענין, אין דעם היזק שבדבר.

דארף מען האבן דוקא די הפצת המעיינות חוצה נאכמערער וויפל ס'איז געווען בזמן הבעש"ט, און ס'איז א דבר פלא נאכמערער ווי ס'איז געווען אין דעם זמן פון דעם אלטן רבי'ן און מיטעלן רבי'ן, און צ"צ, און רבי'ן מהר"ש - דוקא דעמולט אין יענעם זמן.

און דערנאך ווי ס'איז געווען נשיא דורנו האט נאכמער אנגעזאגט אויף הפצת המעיינות חוצה, ביז וואנעט אז ס'זאל זיין דער "באר היטב" (ווי רש"י טייטשט אפ) "בשבעים לשון" - איבערזעצן דאס אויף אנדערע לשונות כפשוטם,

עאכו"כ כלשון עם ועם - געפינען די ווענן ווי אזוי מ'קען צוגעבן און פועל זיין, און אויפטאן מיט אזא מין וואס "בשם ישראל (איז ער מערניט ווי) יכונה", ווארום אז מ'פרעגט עם וואס איז ער - זאגט ער אז ער איז א אמעריקאנער, א ענגלענדער, א פראנצויז, א רוסישער, וכיו"ב, נאר וואדען ער איז אויכעט א איד.

- און בשם ישראל ווערט דאס ביי עם ניט א שם עיקרי, נאר ס'איז א ענין פון א כינוי.

און אט דא זאגט מען - אז פון י"ב י"ג תמוז, וואס דאס ווערט א הכנה, און הקדמת רפואה למכה צו דעם ענין פון י"ז תמוז, און וואס דער ברית איז געווען לאחרי י"ז תמוז, און דערנאך ווערט דערנאך נאכמערער דער ענין פון ר"ח אב, און די נייען טעג, און ת"ב,

און דערנאך זאגט מען אז ס'קומט "קיימא סיהרא באשלמותא",

גייט ער ארויס אין גאס, און פרעגט ווי אזוי דארף זיין די הנהגה,

- ער ווייס אז ס'דארף זיין הפצת המעיינות חוצה, פארוואס? דערפאר וואס ס'איז געווארן א גרעסערער חושך אין וועלט, מערער "נחש שרף ועקרב"!

זאגט דער פסוק, און ברייננגט אויף דערויף אראפ תורת אמת פנימיות התורה ווי זיי שטייען בגלוי אין א אופן פון "יתפרנסון מינכי'" אין הבנה והשגה, אז ס'איז דא צוויי מדרשים אין דערויף:

א) אין מקרא יוצא מידי פשוטו אז "הגדול והנורא" גייט דאס אויפן מדבר, און דערפאר איז אויכעט די דינים און בפרט די דינים למעליותא, אז ס'ווערט א פס"ד ברור ווי ס'איז ארויס דער קונטרס עץ החיים, דער הכרח לימוד פנימיות התורה אין א אופן פון לימוד קבוע בישיבה,

אעפ"כ איז נאך ניט געווען די הפצה ביז אין "באר היטב - בשבעים לשון", און ביז "כלשון עם ועם", ארויסשיקן און מ'זאל גיין זוכן אידן אין א פינה נידחת און ריידן מיט זיי וועגן א-ב פון אידישקייט, אויכעט וועגן א-ב כפשוטו, ווארום



הנחה פרטית בלתי מוגה

אפילו דאס וויס ער נאך אויך ניט - א "תינוק שנשבה לבין העכו"ם", און פראוועו ניט עם דעם פדיון שבויים.

און ריידען מיט אים כלשון עם ועם, און מיט אלע הדרכות וואס זיינען געגעבן געווארן פון נשיא דורנו.

וואס דאס איז דער אפטייטש פדן דער פריערדיקן מדרש, אז ס'איז א מדבר גדול והנורא נחש שרף ועקרב, במילא איז פארשטאנדיק אז ס'קומט צו אין דעם "גדול ונורא" פון דעם מדרש, און דעם נחש שרף ועקרב, און דער אפשריות ההיזק שלו, מוז צוקומען ואדרבה: נאכמערער אין דעם ענין הטוב והקדושה, אנהויבנדיק פון הפצת התורה והיהדות בכלל, און הפצת המעינות במיוחד,

אבער דערנאך לייגט מען גלייך דעם צווייטן מדרש:

אז באמת "גדול ונורא" האט קיין שייכות ניט און קיין אפשריות ניט צו לעו"ז, ווארום דאס איז תוארים של הקב"ה! אעפ"כ, וויבאלד אז דער אויבערשטער וויל באווייזן א גרעסערע גדלות, ניט אט דאס וואס בזמן שביהמ"ק הי' קיים האט זיך א איד אזוי געפירט - איז מאל קמ"ל?! נאר ער וויל באווייזן "גדול ונורא" אז "עכו"ם מרקדין בהיכלו" איז "הן הן גבורותיו"! אבער אויף ווענען גייט דער "גדול ונורא" - גייט דאס אויפן אויבערשטן, אין וואס דריקט זיך אויס - דורך דערויף וואס ס'קומט ארויס אין נחש שרף ועקרב אין א אופן פון א מדבר, און אט דארטן זעט מען אז דער "גדול ונורא" גייט דאס מערניט ווי אויפן אויבערשטן!

פון וואס זעט מען דאס - אז תמורת זה וואס עכו"ם מרקדין בהיכלו, איז ע"י הכרה פון די "נשמה" פון דעם אפטייטש אז "גדול ונורא" גייט דאס אויפן אויבערשטן, ווערט דאס "נחש שרף ועקרב", ניט נאר וואס "לא ירעו ולא ישחיתו", נאר אדרבה: זיי ווערן גאר מסייעים,

בדוגמא ווי ער זאגט אין סנהדרין אז דאס איז געווען א "שמש גדול", בשעת דער "נחש שרף ועקרב" איז געווען בתחילת הבריאה.

אבער אויף ווענען גייט דער "גדול ונורא" - איז גאר קיין שאלה ניט! דאס גייט מערניט ווי אויפן אויבערשטן.

און ווען זעט מען "גדול ונורא" - בשעת דער אויבערשטער באווייזט אז ס'איז "נחש שרף ועקרב", כמדובר, איז ניט נאר "לא ירעו ולא ישחיתו" נאר פארקערט, זיי זיינען מסייע א אידן בעניניו, בדוגמא ווי ער זאגט אין מדרש אז "בכל הקב"ה עושה שליחותו", אפילו דורך א צפרדע, אדער דורך אן עקרב, ווי ער ברייננט דארט די כמה פרטים.

וזאס דאס איז אויך א חלק פון תורת השגח"פ פון דעם בעש"ט, אז יעדער ענין וואס טרעפט זיך מיט א נחש שרף ועקרב איז דאס בהשגח"פ.

במכ"ש וק"ו, מה-דאך אז דאס איז אזוי אין מין הצומח, עאכו"כ אז דאס איז אזוי אין מין החי.

וואס דערפון נעמט מען גלייך ארויס - כמדובר כמ"פ, אז רזי תורה איז אויכעט א חלק פון תורה, און וויבאלד אז ס'איז א חלק פון תורה, און תורה איז מלשון הוראה, ווי ער זאגט אין ספר הזהר - אין רזי תורה גופא! איז אין דערויף גופא איז דא א הוראה:

וואס די הוראה בזה איז, אז בשעת ער זעט א "נחש שרף ועקרב" דארף ער גלייך וויסן אז דער "גדול ונורא" דער אויבערשטער, האט עם געגעבן דעם כח, ווי ער זאגט

אין דעם שיעור, אז ניט ער וועט דארפן "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", (ווי ער זאגט אויכעט אין דעם שיעור פון דעם טאג), וואס דעמולט איז דאס פארבונדן כהמשך הכתוב "ושכחת את ה"א כי הוא הנותן לך כח לעשות חיל"!

דאס איז ניט נאר אז ער זאגט אז ער איז א מאכער, און ער איז א חכם, און ער איז א סוחר גדול, און "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה" - אויב ער זאגט אזוי איז א סימן אז "ושכחת את ה"א"!

און ניט נאר "ושכחת את ה"א" - דאס אליין איז געננג, דאס וואס בא עם ער זעט ניט וואס ס'טוט זיך ארום עם, ווארום "ה"א גו' הוא הנותן לך כח לעשות חיל"!

וואס עד"ז איז דאס אויכעט בנוגע צו "נחש שרף ועקרב", בפרט נאך אז זיי זיינען ניט קיין בעלי בחירה, און דער בחירה האט מען אפגעגעבן דעם אידן, וואס בשעת בא עם וועט זיין "ובחרת בחיים" - איז ע"י לימוד התורה וקיום מצוותי', [וואס צוותא איז מלשון חיבור] ווערט בא עם דער "הוא הנותן לך כח לעשות חיל", דער "גדול ונורא", וואס איז דא אין דעם אויבערשטן, און דעמולט קומט דער צווייטער מדרש און טייטשט אפ אז "נחש שרף ועקרב" איז "לא ירעו ולא ישחיתו", און נאכמערער אז זיי זיינען עם מסייע לכל אחד ואחת בעבודתו, אז מ'זאל מאכן פון דעם מדבר נאך זייענדיק אין מדבר ווי ער טייטשט אפ אין לקו"ת "מדבר" ווי אזוי ס'איז מדבר דקדושה, ווי אזוי ס'איז נאך העכער פון חכמה דקדושה, די עבודה "בכל מאדך", אין ספירות איז דאס ספירת הכתר לגבי ספירת החכמה.

און דאס ברייננגט עס אראפ, ווארום דאס פועל'ט ביי עם אויף זיין הנהגה ביז אין מעשה בפועל למטה מעשרה טפחים, וואס אט דעמולט ווערט דער "גדול ונורא" - צדיקים דומים לבוראם, ועמך כולם צדיקים - טוען זיי אויף מיטן "נחש שרף ועקרב" אט דאס וואס דער צ"צ האט געשריבן, און דערנאך האט מען דאס אפגעדרוקט און מפרסם געווען לדורות, און ס'איז געווארן א פס"ד, אז "גדול ונורא" דער אויבערשטער, אז בשעת א איד שטיט בצוותא וחיבור, און ווייס אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי", נאר "הוא הנותן לך כח לעשות חיל", האט ער דעם "גדול ונורא" פון דעם אויבערשטן, און טוט אויף מיט "נחש שרף ועקרב" נאך אין גלות, זייענדיק אין מדבר כפשוטו, אז דער "נחש שרף ועקרב" ווערט דאס א ענין המסייע אין כל הענינים פון לימוד התורה, און קיום מצוותי', ובכל דרכיך דעהו, ביז אין כל מעשיך לש"ש.

וואס דאס קומט אויכעט בהמשך להמדובר לעיל, מ'דארף דאך האבן אין המעשה הוא העיקר, וואס דאס איז דער ענין (ווי געזאגט פריער) פון הפצת המעיינות חוצה, בתוככי פון הפצת היהדות ותורה ומצוותי' ביז אז ס'זאל אנקומען אין חוצה אין "המדבר הגדול והנורא", ווי דער אפטייטש אין דעם ערשטן און פריערדיקן מדרש, אז דארטן זאל מען אויפטאן אז די מעיינות זאלן זיין אין דער חוצה, ניט נאר דאס וואס קומט ארויס פון מעיין, נאר דער מעין אליין וואס מקור מים חיים איז דאס דער ענין פון "גדול ונורא" פון דעם אויבערשטן,

במילא ווערט דארטן אויפגעטאן נאך אין דעם חושך כפול ומכופל, אז ס'ווערט לכל בנ"י הי' אור במושבותם, נאך זייענדיק אין מצרים - אין ערות הארץ.

און ויהי"ר אז יעדערער זאל טאן אין דערויף בשמחה ובטוב לבב, במילא אז ס'וועט זיין אן אמת'ע שמחה וועט דאס פורץ גדר זיין זייגע מדידות והגבלות, האנשים בחלק שלהם והנשים בחלק שלהם והטף ושאר בשעריך אין דעם חלק שלהם, און בפרט אין דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים" כמדובר בארוכה אין די התוועדות שלפנ"ז.

און די אלע ענינים צוזאמען זאלן נאכמערער צוהיילן דעם ענין פון "קץ שם לחושך", און ס'וועט זיין דער אור אמיתי, וואס דאס וועט אויכעט נמשך ווערן אין אור כפשוטו, אז פון "הי' אור במושבותם" זאל ווערן אור אין כל חלק שלו שבעולם.

און דערנאך ווערן דער אור עולם אין דעם גאנצן עולם,

בגאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש, ע"י משיח צדקנו.

מ'דארף דאך יעדער ענין אויך אראפברענגען בפשטות:

איז דאס אויך וואס מ'האט גערעדט פריער, איז דא די מזונות און די ווילן פון די התוועדות, וועט מען אויכעט מיטנעמען און מאכן גלייך אן אסיפה, כמדובר מיט קאמיטעטן מיט אלע-ערליי זאכן וואס מ'דארף האבן דערצו, האנשים בפני עצמם, והנשים בפני עצמם וכל אחד ואחת בנוגע להעבודה שלו.

אין די נקודות וואס גערעדט פריער, בנוגע לנשים, בהמשך צו דעם כנס וואס איז געווען אין אה"ק, און בפרט אין צפת עיר הקודש, וואס זי איז דאך אין גליל,

וואס ער זאגט אין זהר בכ"מ אז משיח צדקנו וועט קומען אין גליל, און פון דארטן וועט ער אראפקומען און נתגלה ווערן און ארויסנעמען "ילשם הוא חוזר", און פון דארט וועט דערנאך נמשך ווערן די גאולה האמיתית והשלמה ע"י משיח צדקנו, אבער התחלת ביאתו איז דאס בגליל,

און זאל נמשך ווערן אויכעט ע"י מעשינו ועבודתינו אין חו"ל, כמדובר, סיי א כנס נשים ובנות בפ"ע, און א כנס און אסיפה והכנה פון אנשים ובנים בפ"ע.

און גלייך "שאפרו דא פלאחא" אין ענינים של מעשה בפועל, ובדוגמא ווי דערמאנט פריער אז פון ט"ו באב דארף זיין כל המוסיף, און מ'זאגט אז דעמולט איז "מוסיפין לו", און מ'טייטשט דאס אפ אז דער אויבערשטער איז מוסיף חיים - חיות על שנותיו - אויף דער חיות וואס ער האט נאך פון פריער, ווארום מ'האט דאך ביז איצטער אויכעט געטאן,

זאל מען נאך טאן מיט מערער חיות, ווארום דער אויבערשטער איז מוסיף חיות, "הוא הנותן לך כח לעשות חיל",

און אויפשטורעמען נאך אין דעם מזל ארי' פון חודש החמישי, אנהויבנדיק פון "קיימא סיהרא באשלמותא" פון ט"ו באב, און דערנאך אין די ימים שלאח"ז הלוך והוסיף ואזר,

בפרט נאך אז דאס איז דאך א הקדמה צו חודש אלול, וואס אני לדודי ודודי לי, וואס ער איז א הקדמה והכנה צו שנת הקהל - "הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך" - דער גיור כהלכה דורך דעם ביטול פון דעם ענין און די שקו"ט פון "מיהו יהודי",

דורך דעם ביטול פון דער שקו"ט פון ר"ל פון טראכטן אפגעבן פון אה"ק, וואס דאס איז דער ארץ טובה ורחבה ארץ הצבי, וואס דער אויבערשטער האט דאס אפגעגעבן זייענדיק אין "מדבר הגדול והנורא" צו יעדער אידן, און אלע אידן, און מיט דעם ענין נפלא וואס ער זאגט אויכעט אין פרשת עקב, אז אזוי איז דאך לכאו' פארבונדן מיט לימוד התורה וקיום המצוות, זאגט ער אין פרשת עקב: "לא בצדקתך ויושר לבבך", האט דאס וואס דער אויבערשטער "נתן לך את הארץ" איז דאס "ברשעת הגוים האלה", און דער ברית וואס דער אויבערשטער האט געמאכט מיט אברהם יצחק ויעקב, וואס מ'האט דערפון גרויסע צרות, אבער "ברשעת הגוים האלה" איז דאס קיים ותקיף והולך ומוסיף, ווי מ'זעט דאס בפשטות אין כמה מאורעות מזמן לזמן, ווערט דאס אלץ גרעסער, און מער בגלוי,

און ס'איז עאכו"כ אז דער ברית וואס כרת לאברהם ליצחק וליעקב, איז בתקפו עומד, און ווליבאלד אז דער אויבערשטער איז מקיים דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו



הנחה פרטית בלתי מוגה

לישראל, איז ער דאך אויכעט מעלה בקודש אויכעט אין קיום הברית ואת החסד ואת השבועה אשר נשבע לאבותיך, ווי ער הגיבט אן בתחלת הסדרה ובראש הסדרה,

און פארבינדט דאס מיט "והי' עקב תשמעון" - ווי חסידות טייטשט דאס אפ מיט עקבתא דמשיחא - אין אחרית הימים,

בפרט נאך אין די שיעורים פון די טעג, כאמור לעיל, אז ברשעת הגוים האלה, און דער ברית אשר כרת לאברהם וליצחק וליעקב, איז א זיכערע זאך, און מ'דארף נאר דאס האבן אז יעדער איד זאל דאס מגלה זיין, און מכריז זיין ברבים, אז דאס איז א ארץ וואס מ'האט דאס בברית אברהם יצחק ויעקב, פון בורא העולם ומנהיגו, בכל רגע ורגע, און באשאפט דאס מאין ואפס ממש מתחילה מיט די אלע זיינע פרטים, עאכו"כ אין ארץ הקדושה וואס עיני הו"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה.

דארף מען דאס האלטן בתוקף, און מ'האט אויף דערויף דעם תוקף פון "גדול ונורא", וואס דורך דערויף איז מען מהפך דעם "נחש שרף ועקרב" אז זיי זאלן ניט נאר ניט שטערן, דערצו, נאר אז זיי דערזעען אז א איד גייט בתוקף וואס ער האט דורך תורת אמת, פון אלקי אמת, וואס ער איז דער "גדול ונורא" אין דעם מדבר,

איז אט דעמולט ווערט "מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך", ניט נאר מ'טשעפעט ניט אידן, נאר מ'העלפט זיי ארויס, ביז מ'ברייינגט זיי ווי מ'ברייינגט א מנחה בכלי טהור, אין ארצנו הקדושה בשלימותה, צוזאמען מיט שלימות העם, צוזאמען מיט שלימות מעשינו ועבודתינו, וואס דאס איז שלימות התורה.

און די אלע ענינים הויבן זיך נאך אן במושבותם, ווי מ'געפינט זיך נאך אין דעם מדבר פון מצרים, וואס כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים, וואס דערפאר זאגט מען אז "מלכים" - ס'איז דא די מציאות פון מלכים, זיי ווייסן אבער אז זייער מציאות האמיתית הייבגט דאס אפ אן דערויף אז זיי זאלן זיין "אומניך", ועד"ז "שרותיהם" זאלן זיין "מניקותיך", וכלם ביחד דארפן בריינגען יעדער אידן און אלע אידן און העלפן עם ביז דעם בריינגען, אז ער זאל קומען ווי א מנחה בכלי טהור,

אין דעם ביהמ"ק במקומו שיבנה במהרה בימינו ממש, ע"י משיח צדקנו.

און יעדער מעשה ודיבור ומחשבה וואס א איד טוט אין דעם, און איז מוסיף בזה, בכמות, און מוסיף באיכות, ע"י האיכות מיט דער אור והתלהבות וואס ער לייגט אין דערויף ארייז, איז נאכמער מוסיף אין הצלחת הענין.

וכמדובר, אז כדי ס'זאל זיין א המשך פון די פעולה נמשכת וואס איז געווען במקום קדוש, בית שמגדלין בו תורה, און בית שמגדלין בו תפלה, די ד' אמות פון דעם רבי'ן דעם שווער נשיא דורנו, זאל מען אויכעט פארבינדן דאס מיט די דברים גשמיים: די מזונות און די יין אויף דער אסיפה וואס מ'וועט מאכן כדי די ענינים זאלן זיין אין א אופן מסודר, און א אופן וואס הולך ומוסיף ואור.

עד"ז אט די וואס זיינען בריחוק מקום במילא איז כאילו ווי זיי האבן זיך אויך משתתף געווען אויכעט אין מזונות ויין ישמח לבב אנוש, און משמח אלקים ואנשים, און זיי זאלן יעדערער במקומו מאכן די תכניות אין א אופן מסודר,

און דער עיקר אז שוין ט"ו באב זאל זיך אנהויבן בהוספה בכל ענינים אלו.

און גיין כמדובר, מתוך שמחה וטוב לבב, אין הולך ומוסיף ואור, פון דעם ארי' שאג מי לא יירא, וואס ווי ער ברייינגט אראפ אויכעט אין חסידות וואס ער זאגט אין שלי"ה אז ארי' איז ר"ת אלול, און ר"ה און יוה"כ און הושע"ר (ווי ס'שטייט אויכעט במקום אחר).



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דאס זאל זיין אין א אופן פון "שאג מי לא יירא", און דערנאך איז "יבנה א-ל במקומו" ווי דער אריא-ל גייט (ווי ער ברייננגט אראפ אין ילקוט) "בונה ירושלים ה' נדחי ישראל יכנס", עאכו"כ ווי אריא-ל במובנו המצומצם גייט דאס אויפן ביהמ"ק, עאכו"כ וואס דארט איז אריא-ל גייט דאס אויפן מזבח, וואס ער דארף זיין במקומו המדוייק,

און די נביאים וואס וועלן קומען לע"ל, אדער משיח צדקנו, בדוגמא ווי ס'איז געווען ארויסגייענדיק פון גלות, אז ס'איז געווען א נביא וואס האט אנגעוויזן דעם מקום המזבח,

עד"ז איז לע"ל "לא ישתנה מקומו" - ווי די התחלה פון דעם רמב"ם אין הל' בית הבחירה, וואס דאס איז נאך העכער פון בית עולמים, כמדובר לעיל.

אז דער פאלק אויף וועמען מ'זאגט אתה בחרתנו, וואס דאס איז אן עולם מלא, און וואס ער האט נחלת עולם, דורך תורת עולם (=תורה נצחית), די ארץ הקודש וואס די איז אן ארץ נצחית,

זאל דאס אלץ שטיין למטה מעשרה טפחים, בטוב הנראה והנגלה, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

ה. במענה לשאלת רבים, ובהמשך וואס ס'האט זיך גערעדט פריער וועגן די הכנות צו אר"י וואס דאס איז ווי דער צ"צ ברייננגט אויכעט אראפ איז דאס דער ר"ת פון חודש אלול און דערנאך דער ר' פון ר"ה, און דער י' פון יוה"כ, און דער ה' - הושע"ר,

איז דאך דא אזוינע - ובפרט נאך וואס ס'קומט דאך פון א יאר וואס דער ראש השנה וועט דאס זיין דער ראש שנת הקהל,

איז דאך דא די כו"כ וואס פרעגן בנוגע צו פארן אהערצו כדי צו זיין צוזאמען אין די צייטן -

איז דארף מען ניט פרעגן יעדערער במיוחד, ס'איז דא אויף דערויף די הוראה כללית, וואס אין דערויף איז ניט שייכות קיין שינויים, וויבאלד אז דאס איז מיוסד אויף ענינים פון פסקי דינים אין דבר ה' זו הלכה,

אז לכל לראש דארף דאס זיין אין אזא מין אופן אז דאס זאל ניט שאטן אדער גורע זיין במקומו אין זיינע ענינים וואס ער טוט במקומו, אדער במוסד שלו, אדער בישיבה שלו וכו', דורך דערויף וואס ער וועט געפינען א פאסנדן ממלא מקום וכיו"ב.

בא די וואס זיינען חתונה געהאטע, דארף דאס זיין בהסכם עקרת הבית, כמבואר אויכעט אין פוסקים.

וכידוע אז אויכעט דער סיפור מיטן אלטן רבי'ן וועגן ער איז געגאנגען צום ערשטן מאל אין מעזריטש, איז געווען דער חילוק צווישן עם מיטן צווייטן, וואס ער איז געגאנגען בהסכם זוגתו הרבנית, איז דערפאר איז דערפון געווען דערנאך א המשך מיט אלע פרטים שבדבר, כידוע דעם סיפור פון נשיא דורנו.

דארף דאס אויכעט זיין דער הסכם בנוגע לבעל בהסכם עקרת הבית - בנוגע לנשים בהסכם פון בעל הבית,

און דערנאך אויכעט - אזוי ווי א איד דארף ניט זיין קיין בעל חוב, זאל מען ניט אריין דורך דערויף אין חובות גדולות, עאכו"כ ניט אריין אין חובות גדולות

בנוגע ענינים רוחניים, וואס דאס איז פארבונדן מיטן ערשטן תנאי, אז דאס זאל ניט אנרירן אין זיין עבודה קדושה שלו, אין די ענינים וואס ער טוט כאו"א במקומו.

דערצו קומט נאך צו די הוראה וואס איז פארבונדן מיט ארץ הקודש:

אז דארט דארף מען האבן א היתר פון א רב וואס ער געפינט זיך אויכעט אין אה"ק, און אעפ"כ זאגט ער עם אז דער דין איז אז ע"פ דין קען ער פארן למשך זמן זה, למקום פלוני, ווארום דאס איז מותר ע"פ הוראות תורתנו תורת חיים, ותורת אמת.

און ויה"ר אז די וואס וועלן קומען און פראוועז דא הקהל, וכל אחד ואחת וועט פראוועז הקהל במקומו, ולכל לראש אז דער אויבערשטער זאל ממלא זיין בקשת כל אחד ואחת אז ס'וועט זיין נאך עד אז, און נאך פאר חודש אלול דער ענין פון גאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו,

וועט זיין דער "ארי' שאג מי לא יירא", וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט תקי"ש וואס הויבט זיך אן פון ר"ח אלול, און די הכנה לזה הויבט זיך נאך אן פון שבת מברכים החודש אלול, וואס די הכנה צו שבת מברכים איז "מי שטרח בע"ש איז יאכל בשבת" מברכים, וואס בכללות איז די הכנה צום החודש הבא לאח"ז הויבט זיך אן פון "קיימא סיהרא באשלמותא", וואס נאך דערויף הויבט זיך אן דער עבודה פון "ונפקדת כי יפקד מושבך" - אז דורך וואס ווערט ר"ח - דורך דערויף וואס ס'איז דא דער "ונפקדת", דורך דערויף וואס ס'איז דא דער "יפקד מושבך", דער ביטול וואס זעט זיך אן ביי יעדער אידן, און וואס מ'זעט דאס בעיני בשר אויכעט אין דער לבנה נאך "קיימא סיהרא באשלמותא", דריקט זיך אויס די שלימות אין דערויף, אז ס'קומט נאך צו אין דעם ביטול הלבנה ביז וואנעט אז גלייך נאך דערויף הויבט זיך אן אנזען דעם ביטול אין אור הלבנה ביז מ'זעט דאס אין עיני בשר.

זאל שוין דעמולט זיין דער ביאת משיח בפשטות, במילא וועט זיין כמדובר לעיל, די תקיעת שופר,

וואס דאס איז דאך איינע פון די פירושים אין תקי"ש פון חודש אלול ע"ש "היתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו", וואס דאס איז פארבונדן מיט "ארי' שאג מי לא יירא", ווארום מ'האט דאך דעם "יחרדו" איז דאך ניט פאר דעם שופר, נאר פאר <u>דעם</u> וואס איז פארבונדן מיטן שופר - וואס האט געהייסן טאן אט דעם ענין.

עאכו"כ אז שוין חודש אלול וועט זיין חודש הגאולה, עאכו"כ דער ר"ה ויוה"כ, והו"ר, כולל אויכעט אז ס'וועט זיין דער "הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך" בפועל, למטה מעשרה טפחים אין ביהמ"ק השלישי, שיבנה בקרוב ממש, נאך פאר דערויף,

און ס'וועט דעמולט זיין ווי ער פסק'נט אפ אין רמב"ם סוף הל' חגיגה, אז דעמולט איז קורא דער מלך אין פרשיות שבתורה, וואס דעמולט וועט דאס געליינט ווערן ע"י מלכא משיחא,

און ווי ער פסק'נט אפ אין רמב"ם אז דאס איז "כשומע מפי הגבורה", ובפשטות הענינים, ווארום אין הלכה יוצאת מידי פשוטה,

און מתוך הכנה לזה, בשמחה וטוב לבב, און א מצב פון חירות אמיתי, דורך דערויף וואס "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה", בפרט נאך אז ער איז מוסיף, און איז מוסיף ווי געזאגט פריער פון הל' ת"ת פון אלטן רבי'ן, אז פון ט"ו באב איז ער מוסיף אויף זיין שלימות אין לימוד התורה, פון לפנ"ז, והולך והוסיף ואור, קומט דאך אויכעט צו אין זיין בן חורין - אין זיין מצב החירות.

און מ'דארף האבן דעם עיקר, כמדובר כמ"פ: דער חירות כפשוטה פון כל עניני הגלות, דורך גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

צוה לנגן ניגון הכנה, ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א), ניע זשוריצי, הושיעה את עמך, עוצו עצה, ופרצת.

התחיל לנגן ניעט ניעט.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, זאלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אח"כ אמר: געבן האלב דערפון (המזונות) פאר די עזרת נשים.

התחיל לנגן כי בשמחה. וחזר להיכלו הק'.

* * *

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

**א.** עס שטייט אין אונזער פרשה (י, ח) אז אין דער זמן נאך מ"ת איז "הבדיל ה' את שבט הלוי לשאת את ארון ברית ה' לעמוד לפני ה' לשרתו ולברך בשמו גו'", און ער איז ממשיך (שם, ט): "על כן לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו ה' הוא נחלתו כאשר דיבר ה' אלקיך לו".

שטעלט זיך אויף דערויף רש"י און זאגט: "על כן לא הי' ללוי חלק, לפי שהובדלו לעבודת מזבח ואינן פנויין לחרוש ולזרוע. ה' הוא נחלתו, נוטל פרס מזומן מבית המלך".

זיינען מפרשים מבאר, אז רש"י'ן איז שווער וואס אין פסוק שטייט "הבדיל ה' את שבט הלוי לשאת את ארון גו' **על כן** לא הי' ללוי חלק ונחלה גו'" - דלכאו': מצד דערויף וואס "הבדיל ה' את שבט הלוי לשאת את ארון ברית ה' לעמוד לפני ה' לשרתו ולברך בשמו" האט שבט לוי געדארפט באקומען **מער** חלק ונחלה ווי שאר בני ישראל, און ניט פארקערט ("על כן **לא** הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו")?!

נאר דער פירוש אין דעם איז - אז "לפי שהובדלו לעבודת מזבח ואינן פנויין לחרוש ולזרוע", "**על כן** לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו": וויבאלד אז "הבדיל ה' את שבט הלוי לשאת את ארון ברית ה' לעמוד לפני ה' לשרתו ולברך בשמו", ד.ה. אז דער אויבערשטער האט זיי אויסגעקליבן צו טאן א העכערן ענין, וואס דערפאר איז "ה' הוא נחלתו", אז ער איז "נוטל פרס מזומן מבית המלך", און דערפאר "אינן פנויין לחרוש ולזרוע" - איז אלס **מסובב** לזה איז "לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו", נעמט מען בא זיי צו א נידעריקערער ענין, דער חלק ונחלה.

וצריך ביאור, בפרש"י ע"פ וואס עס שטייט אין פ' קרח וועגן דעם:

אין פ' קרח רעדט זיך אויך וועגן שבט לוי, און אז זיי וועלן ניט האבן א חלק ונחלה ווי שאר בני ישראל, "ויאמר ה' אל אהרן בארצם לא תנחל וחלק לא יהי' לך בתוכם גו'" (יח, כ), און רש"י גיט דארטן צו אז "אף בביזה" וועלן זיי ניט האבן קיין חלק.

און דערנאך זאגט דער פסוק (שם, כא): "ולבני לוי הנה נתתי כל מעשר בישראל לנחלה גו'", און דער פסוק איז ממשיך (שם, כד): "כי את מעשר בני ישראל אשר ירימו לה' תרומה נתתי ללוים לנחלה **על כן** אמרתי להם בתוך בני ישראל לא ינחלו נחלה".

ד.ה. אז פון פ' קרח קומט אויס אז דער סיבה אויף "לא ינחלו נחלה" איז דאס וואס "את מעשר בנ"י גו' נתתי ללוים לנחלה", ניט ווי עס שטייט אין פרשתנו (לויט פירוש המפרשים) אז דער סיבה אויף "לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו" איז דאס וואס "ה' הוא נחלתו"].

**ב.** ע"ד ווי מ'געפינט בא שבט לוי, אז בא זיי איז "ה' הוא נחלתו" און דערפאר איז "לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו" - געפינט מען אויך בא יצחק:

עס שטייט אין מדרש אז "אין הקב"ה מייחד שמו על הצדיקים בחייהן אלא לאחר מיתתן", משא"כ בנוגע צו יצחק "מצינו שיחד הקב"ה שמו על יצחק הצדיק בחייו שכן הוא אומר ליעקב אלקי אברהם אביך ואלקי יצחק", און דער טעם לזה זאגט דער מדרש - "הואיל ונתייסם בעיני כאילו הוא מת".

וע"ד ווי גערעדט כמ"פ דער פירוש אין "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", אז ווילבאלד ער האט משלים געווען עבודתו בשלימות אין עולם, עשר פעמים עשר (מאה) - דערפאר שטייט ער העכער און ער זעט ניט דעם העלם והסתר פון עולם.

עד"ז איז אויך בנוגע צו יצחק, אז "הואיל ונתייסם בעלניו" און ער זעט ניט דער העלם והסתר פון עולם, ער זעט נאר פנימיות העולם - דערפאר איז "כאילו הוא מת",

און דערפאר "ליחד הקב"ה שמו על יצחק הצדיק בחייו", "ואלקי יצחק", ביז אז אויך גוים דערקענען דאס.

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל בנוגע צו לוי, אז יצחק האט ניט געהאט קיין חלק ונחלה בעולם, ווארום "כאילו הוא מת", אבער "ה' הוא נחלתו", "שייחד שמו על יצחק הצדיק בחייו".

ג. ענין הנ"ל, אז לוי און יצחק האבן ניט געהאט קיין חלק ונחלה בעולם, ווארום "ה' הוא נחלתו" - איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די צוויי נעמען, לוי און יצחק, זיינען דער ענין הגבורות, ווי דער טאטע איז מבאר אין זיין רשימה אויף זיין נאמען:

אע"פ וואס "לוי" און "יצחק" זיינען דער ענין הגבורות, איז דאך אבער די פנימיות און כוונה פון די גבורות - דער ענין פון תגבורת החיות, און אז די גבורות זאלן ווערן גבורות ממותקות, וזאס דאס איז דאך אן ענין פון חסדים הכי נעלים, דער ענין פון "ה' הוא נחלתו".

און ווי דאס ברייננגט זיך ארויס אויך אין די נעמען "לוי" און "יצחק":

"לוי" איז דאך ע"ד ווי "לויתן", וואס דער ענין פון "לויתן" איז מבואר אין לקו"ת, אז ער איז אינגאנצען מובדל מעולם, און ער איז באהעפט צו דעם אויבערשטן.

"יצחק" איז דאך ע"ש "צחוק עשה לי אלקים", און דאס איז אויך פארבונדן מיט "הוסיפה על המאורות" מיט די אלע פירושים בזה, וואס בכללות איז דאס דער ענין פון גבורות ממותקות, דער תענוג הכי נעלה וואס קומט ארויס פון עבודת הבירורים אין חושך העולם.

און דער ענין פון גבורות ממותקות, אז דער פנימיות פון די גבורות איז חסדים הכי נעלים, וועט נתגלה ווערן לע"ל, ווי עס שטייט אז דעמאלט וועט מען זאגן "אודך ה' כי אנפת בי".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט יצחק (וואס ער איז בחי' גבורה) - ווארום לע"ל וועט מען דאך זאגן "אברהם לא ידענו וישראל לא יכירנו", אבער ליצחק וועט מען זאגן "כי אתה אבינו" (שבת פט, ב), און "יצחק" איז אויך לשון עתיד.

און דער טעם אויף דערויף איז, דערפאר וואס לע"ל וועט נתגלה ווערן ווי די גבורות פון יצחק זיינען גבורות ממותקות.

און ווי ער איז מסיים אין דער רשימה: "ויהי רצון שבמהרה בימינו יומתקו כל הגבורות והדינים ויהפך הצל לאורה וטובה נגלית ואשוב לביתי שלום בב"א".

ד. ענין הנ"ל וועגן דעם וואס לוי און יצחק האבן ניט געהאט קיין חלק ונחלה בעולם, ווארום "ה' הוא נחלתו" - האט אויך א קישור מיט דעם ענין פון שנה השביעית:

אין פ' בהר ווערט דערציילט ווענן דעם ענין פון שנה השביעית: "כי תבואו אל הארץ אשר אני נותן לכם ושבתה הארץ שבת לה', שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך ואספת את תבואתה, ובשנה השביעית שבת שבתון יהי' לארץ שבת לה' שדך לא תזרע וכרמך לא תזמור" (בהר כה, ב ואילך).

וואס דער ענין פון שנה השביעית איז העכער פאר דעם גאנצען ענין פון עולם, ווארום דעמאלט איז "שבת שבתון יהי' לארץ גו' שדך לא תזרע וכרמך לא תזמור", ע"ד ווי דער ענין וואס לוי און יצחק האבן ניט געהאט קיין חלק ונחלה בעולם.

דאס איז אבער לכאו' ניט פארשטאנדיק:

אע"פ וואס בפשטות איז "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך גו'" ניט קיין ציווי מן התורה - איז דאס אבער געשריבן אין תורה אין דער זעלבער לשון ווי שאר הציווים, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז אויך ע"ד ווי א ציווי, והביאור בזה:

דער ענין פון "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך" דארף מען האבן, ווארום דאס איז דער ענין פון עבודת הבירורים, בכדי אויפמאכן א דירה לו ית' בתחתונים.

ובפרט אין ארץ ישראל, וואס זי איז אן "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (ווי עס שטייט בפרשתנו), און מעלתה ושבחה של ארץ ישראל באשטייט פון דעם וואס זי איז אן "ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורימון ארץ זית שמן ודבש",

וואס דערפאר דארף מען האבן דעם "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך" (סיי דער ענין פון "שדה" און סיי דער ענין פון "כרם") בכדי ארויסצוברענגען דעם שבח אין ארץ ישראל.

און אע"פ אז די מינים וואס וואקסן אין ארץ ישראל ("חטה ושעורה וגו'") וואקסן דארטן אפילו אן עבודת האדם באדמה - איז אבער דעמאלט ברענגט זיך ניט ארויס שבחה של ארץ ישראל; ווען ברענגט זיך ארויס שבחה של ארץ ישראל, אז זי איז דער ארץ שנשתבחה מיט די מינים - איז דאס דוקא דורך דערויף וואס אן אדם טוט עבודת האדמה אין דעם ארץ און ער מאכט אז פון דארטן זאלן ארויסוואקסן די מינים.

וואס דערפאר איז דער ענין פון "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך" א ציווי און א מצוה, ווארום דאס דארף מען האבן בכדי מאכן פאר דעם אויבערשטן א דירה לו ית' בתחתונים.

אבער עפ"ז ווערט די שאלה: ווען עס קומט שנה השביעית זאגט מען אז דעמאלט איז "שבת לה'", "שבת שבתון יהי' לארץ גו' שדך לא תזרע וכרמך לא תזמור" - קומט דאך אויס אז וויבאלד דעמאלט איז ניטא קיין עבודת האדמה פעלט דער גאנצע עילוי פון עבודת הבירורים און פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים?!

ה. עד"ז איז די שאלה בנוגע צו שבת בימים:

אין די ששת ימי החול איז דא א ציווי פון "ששת ימים תעשה מעשיך", משא"כ "ביום השביעי" דארף זיין "תשבות".

און דער צ"צ אין סהמ"צ איז מבאר די מעלה פון עשית מלאכה בימות החול, אז דאס איז דער ענין פון עבודת הבירורים, און די עבודה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים, ביז אז "מלאכה" איז בגלמט' די שמות "א-ל" "אדנ-י".

וואס עפ"ז קומט דאך אויס אז ביום השבת, וואס דעמאלט דארף זיין "תשבית", פעלט דער גאנצער עילוי?!

עד"ז איז אויך בנוגע צו תלמידי חכמים, וואס "ת"ח איקרי שבת" (ווי עס שטייט אין זהר, און אויך מרומז אין מס' שבת, ווי גערעדט אמאל):

דער טעם פארוואס "ת"ח איקרי שבת" איז, אז אזוי ווי שבת איז ענינה אז דעמאלט טוט מען ניט קיין מלאכה, עד"ז א ת"ח האט ניט צו טאן מיט "עובדין טבין", ער האט נאר צו טאן מיט תורה.

וואס עפ"ז קומט דאך אויס אז בא ת"ח פעלט דער גאנצער עילוי פון "עובדין טבין"?!

ו. עד"ז איז אויך די שאלה בנוגע צו איינער וואס איז א גולה ממקומו, מ'האט אים אוועקגעשיקט פון דעם ארט וואו ער האט געטאן עבודתו, פון "שדך און "כרמך" וואו ער האט זורע געווען און זומר געווען.

וואס דעמאלט (בשעת ער געפינט זיך אין גלות) פעלט ביי אים דער "תזרע שדך" און "תזמור כרמך", וויבאלד אז ער געפינט זיך ניט במקומו וואו ער האט אלעמאל עובד געווען עבודתו.

בדוגמא ווי גלות בכלל, וואס מצד דערויף וואס "גלינו מארצנו", פעלט די עבודה וואס מ'האט געטאן אין ארץ ישראל.

וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו א יחיד וואס איז גולה ממקומו (אין גלות גופא), ובפרט א יחיד וואס רבים צריכים לו, וואס אפילו א יחיד אליין איז אן "עולם מלא", עאכו"כ א יחיד וואס רבים צריכים לו, וואס דעמאלט קומט אויס אז ער האט אין זיך כו"כ עולמות מלאים.

און בשעת איינער געפינט זיך אין גלות ממקומו - פעלט ביי אים דער ענין פון "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" (ע"ד ווי בשנה השביעית), און דער ענין פון "תעשה מלאכה" (ע"ד ווי ביום השבת) - וואס לכאו' ווי קען זיין אזא מין זאך?!

ז. ע"פ המבואר לעיל בנוגע צו שבט לוי, איז דאס אלעס פארשטאנדיק:

בשעת מ'זאגט אז "לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו" איז דער פירוש אין דעם, אז "לפי שהובדלו לעבודת המזבח ואינן פנויין לחרוש ולזרוע", "על כן לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו", ד.ה. אז וויבאלד זיי האבן א העכערן ענין, "ה' הוא נחלתו" "נוטל פרס מזומן מבית המלך", דערפאר נעמט מען בא זיי צו די נידעריקערע עבודה, דער "חלק ונחלה עם אחיו".

און די העכערע דרגא פון "ה' הוא נחלתו" איז א העכערע דרגא אין עבודה, וואס די עבודה באשטייט פון (ווי דער פסוק זאגט) "לשאת את ארון ברית ה' לעמוד לפני ה' לשרתו ולברך בשמו":

זיי האבן געטראגן דעם ארון בכל מקום ומקום, ואע"פ אז עס שטייט אין מדרש אז דער ארון האט זיך געטראגן, איז אבער דער טראגן דורכגעגאנגען דורך זיי, ווי עס שטייט דא בפירוש "לשאת את ארון ברית ה'".

און בא זיי איז אויך געווען "לברך בשמו", וואס דאס גייט בפשטות אויף ברכת כהנים, "יברכך ה' וישמרך וגו'", וואס "יברכך" איז דער ענין "שיתברכו נכסיך",

און די עבודה פון ברכת כהנים איז בעיקר פארבונדן מיט דער ענין פון אהבת ישראל, ווי מ'זאגט אין דער ברכה פון ברכת כהנים "לברך את עמו ישראל באהבה",

וכמבואר אין אחרונים אז דאס איז א תנאי אין ברכת כהנים אז מ'זאל טראכטן "לברך את עמו ישראל באהבה".

און וויבאלד אז דיי האבן די עבודה נעלית - האט מען בא זיי צוגענומען די עבודה פון חרישה וזריעה בשדה.

**ח.** ועד"ז איז בנוגע צו די אלע ענינים המדוברים לעיל, אז וויבאלד מ'איז צוגעקומען צו א העכערע דרגא, די דרגא פון שנה השביעית, פון שבת, פון א ת"ח, דערפאר האט מען צוגענומען די נידעריקערע דרגא, דער "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך", דער "ששת ימים תעשה מלאכה" וכו'.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון גופא וואס מ'האט צוגענומען די זאכן, אז דאס איז דערפאר וואס ער האט העכער, "ה' הוא נחלתו", ווארום אויב ניט וואלט מען פון אים ניט צוגענומען די זאכן.

**ט.** ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער ענין הגלות:

דערפון גופא וואס מ'האט אים אוועקגענומען ממקומו און געשיקט אין גלות, איז א הוכחה אז דארטן קען ער צוקומען צו א העכערע דרגא ווי איידער ער איז אריין אין גלות, ווארום אויב ניט וואלט דער אויבערשטער, וואס ער איז עצם הטוב וטבע הטוב להטיב, אים קיינמאל אהינצו ניט געשיקט.

און בעצם איז דער ענין הגלות שטאמט פון אמיתית ענין הגלות ווי דאס איז אין קדושה, דער "הוי גולה למקום תורה", וואס דער "הוי גולה למקום תורה" איז דאך בכדי אז ער זאל צוקומען צו א העכערע דרגא אין זיין לימוד התורה.

און דערפון איז געווארן דער ענין פון גלות כפשוטו, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער כוונה פון גלות איז בכדי צוקומען צו א העכערע דרגא ווי איידער מ'איז אריין אין גלות, ע"ד ווי דער כוונה אין "הוי גולה למקום תורה".

און אפילו אויב דאס קומט ניט אלעמאל ארויס בגלוי - איז אבער א זיכערע זאך אז סוף כל סוף וועט זיך דורכפירן בגלוי די כוונה פון דעם גלות, די דרגא נעלית צו וועלכע ער קומט צו דורך דעם גלות.

**י.** עס בלייבט נאך אבער ניט פארשטאנדיק:

אין הכי נמי אז שבט לוי, ועד"ז בשנה השביעית וביום השבת, און איינער וואס געפינט זיך אין גלות, האט טאקע די העכערע דרגא, די דרגא פון "ה' הוא נחלתו" די עבודה פון "לשאת את ארון ברית ה' לעמוד לפני ה' לשרתו ולברך בשמו" (וואס דערפאר נעמט מען פון אים צו די נידעריקערע דרגא, פון א חלק ונחלה בעולם, ועד"ז פון "תזרע שדך" און "תזמור כרמך") - עס פעלט דאך אים אבער פארט די נידעריקערע דרגא - איז וואס וועט זיין מיט די דרגא ביי אים?

און די נידעריקע דרגא פון "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" איז אויך אן עבודה נעלית - ווארום ער נעמט פון אן "ארץ כנען", וואס זי איז ע"ד ארץ מצרים, דער ארץ המקולקלת מבין הארצות, "ערות הארץ", און דערפון מאכט ער איבער צו אן "ארץ ישראל", דורך דעריף וואס ער טוט אין "ויתורו את ארץ כנען", ביז וואנעט ער מאכט פון דעם ארץ זאל זיין "ויתרון ארץ בכל היא",

ביז אז דורך זיין "תזרע שדך" ברייננט ער ארויס פון דעם ארץ "חטה", וואס דערפון מאכט מען לחם, וואס "לחם לבב אנוש יסעד", און דורך "תזמור כרמך" ברייננט ער ארויס פון דעם ארץ "גפן", וואס גפן איז "משמח אלקים ואנשים", און דאס איז אויך דער ענין פון רזין דאורייתא, און דערנאך ברייננט ער אויך ארויס "שמן ודבש", וואס דאס איז דער ענין פון רזין דרזין דאורייתא.

און בשעת עס קומט אבער צו א שנה השביעית, אדער א יום השבת, ועד"ז בשעת יינער געפינט זיך אין גלות, איז אע"פ וואס ער האט דעמאלט א העכערע דרגא ווי י דרגא, ער האט די דרגא פון "ה' הוא נחלתו" - עס פעלט אים אבער פארט די ידעריקערע דרגא אין עבודה!

**יא.** איז דער ביאור בזה:

אויך ביום השבת האט ער דער "תזרע שדך" און "תזמור כרמך", דער "ששת ימים תעשה מלאכה" - כמארז"ל "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", וואס בפשטות מיינט דאס, אז דער "יאכל בשבת" קומט דוקא דורך דער "מי שטרח בערב שבת", ד.ה. דורך דער "תעשה מעשיך" וואס איז געווען אין די "ששת ימים".

ועד"ז בנוגע צו שנה השביעית שטייט אז מ'וועט עסן בשנה השביעית דערפון וואס "וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית ועשת את התבואה לשלש השנים", ד.ה. אז די ברכה וועט נמשך ווערן אין דער "תזרע שדך" און "תזמור כרמך", און דערפון וועט מען עסן בשנה השביעית, ע"ד ווי "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת".

ונוסף לזה, די עבודה פון "ששת ימים תעשה מלאכה" "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" איז עולה ביום השבת, און די עבודה פון "שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך" איז עולה בשנה השביעית.

וכידוע אז די עסקים פון א מענטשן בכל יום זיינען עולה אין די תפלות ביום זה, און דערנאך זיינען די תפלות בכל יום ויום מימות השבוע עולה אין דעם יום שכולו תפלה, יום השבת, ווארום יום השבת איז כל ענינה דער ענין התפלה: אזוי ווי תפלה איז ענינה אז ער ווערט באהעפט מיטן אויבערשטן, עד"ז איז דער ענין השבת - "שבת לה'", ביז אז מ'זאגט "בקושי התירו לדבר דברי תורה בשבת", וויבאלד אז ענינה פון שבת איז תפלה.

וואס דערפון קומט דאך אויס אז אויך ביום השבת איז דא דער ענין פון "תעשה מלאכה", ועד"ז איז אין שנה השביעית דא דער ענין פון "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" - וויבאלד אז דעמאלט איז עולה די מלאכה פון פריער.

**יב.** נאכמער:

ביום השבת ועד"ז בשנה השביעית טוט מען אויך עבודה,

ובדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו "העוסק במצוה פטור מן המצוה" אז דאס איז דערפאר וואס יעדער מצוה איז כלול פון כל שאר המצוות - עד"ז איז אין די עבודה פון שבת כלול אויך די עבודה פון ימות החול, און אין די עבודה פון שנה השביעית איז כלול די עבודה פון "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" פון די ששה שנים שלפנ"ז.

ס'איז אבער אויך פארשטאנדיק אז ס'איז ניט בדומה ווי א מצוה חמורה איז כולל אין זיך שאר כל המצוות לגבי ווי א מצוה קלה איז כולל אין זיך שאר כל המצוות.

ואע"פ אז די משנה זאגט "והוי זהיר במצוה קלה כבחמורה" - איז אבער פון דעם מארז"ל גופא מודגש אז ס'איז דא א חילוק צווישן א מצוה קלה מיט א מצוה חמורה.

און דער חילוק ביניהם דריקט זיך אויך אויס אין ווי זיי זיינען כולל אין זיך שאר כל המצוות: אז ס'איז איננו בדומה ווי כל המצוות זיינען כלול אין א מצוה קלה לגבי ווי זיי זיינען כלול אין א מצוה חמורה - ווארום אין א מצוה חמורה זיינען די אלע מצוות הכלולים בה אין אן אופן פון א מצוה חמורה, און זיי זיינען עולה אין א מצוה חמורה, משא"כ אין א מצוה קלה זיינען די מצוות הכלולים בה אין אן אופן פון א מצוה קלה, און זיי זיינען עולה דורך א מצוה קלה.

וע"ד ווי יעדער אבר בגוף האדם איז כלול פון די שאר רמ"ז אברים; אבער ס'איז פארשטאנדיק אז ס'איז אינו בדומה ווי די רמ"ז אברים זיינען כלול אין רגל, לגבי ווי זיי זיינען כלול אין ראש.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס בנוגע לכמה מצוות זאגט מען (בפירוש) אז זיי זיינען כולל אין זיך שאר כל המצוות, ע"ד ווי מצות תפילין, אז "הוקשה כל התורה לתפילין", וואס דאס איז מדגיש אז ס'איז אינו בדומה ווי אלע מצוות זיינען כלול אין מצות תפילין לגבי ווי זיי זיינען כלול אין אנדערע מצוות.

ובפרט אז מ'געפינט אויך ביי אנדערע מצוות ע"ד דער לשון ווי בא מצות תפילין, אבער ניט דער זעלבער לשון ממש, וואס דאס איז אויך מדגיש אז ס'איז דא א חילוק אין דער התכללות.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד: וויבאלד אז די עבודה אין יום השבת איז א סאך א העכערע ווי די עבודה אין די ימות החול - דערפאר איז די עבודה פון ימות החול ווי זיי שטייען כלול אין יום השבת, איז א סאך העכער ווי די עבודה שטייט במקומו אין די ימות החול, ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שנה השביעית און די ששה שנים שלפנ"ז.

**יג.** דער קשר פון שבת מיט די עבודה אין די ששת ימי החול, ועד"ז דער קשר פון שנה השביעית מיט די עבודה אין די ששה שנים שלפנ"ז, איז נאך טיפער:

שבת הויבט זיך אן דערמיט וואס מ'זאגט אין דאוונען בליל שבת קודש "לכה דודי", וואס דאס איז דער ענין פון אן אתעדל"ע פאר דעם וואס מ'הויבט אן די עבודה וואס קומט דערנאך, און פון דער אתעדל"ע האט מען דערנאך כח צו טאן די עבודה במשך די גאנצע קומענדיקע וואך.

והביאור בזה וועט מען פארשטיין ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו שנה השביעית:

גלייך בהתחלת הפרשה וועגן שנה השביעית, זאגט דער פסוק: "כי תבואו אל הארץ אשר אני נותן לכם ושבתה הארץ שבת לה'", און ערשט דערנאך שטייט "שש שנים תזרע שדך גו'".

איז דאך ידוע די קשיא אויף דערויף: דער ענין פון "ושבתה הארץ שבת לה'" וועט ערשט זיין נאך די "שש שנים תזרע שדך גו'" - איז פארוואס זאגט דער פסוק גלייך נאר "כי תבואו אל הארץ גו'" "ושבתה הארץ שבת לה'"?

און מ'איז מבאר, אז די גאנצע כוונה פון די עבודה פון "שש שנים תזרע שדך גו'" איז צוליב "ושבתה הארץ שבת לה'", און דערפאר איז אפילו פאר דערויף וואס דער פסוק זאגט אז "שש שנים תזרע שדך גו'" זאגט ער "ושבתה הארץ שבת לה'" - בכדי אז א איד זאל וויסן אז נאך פאר דערויף וואס ער גייט טאן די "שש שנים תזרע שדך גו'" דארף ער האבן די הקדמה אז די גאנצע עבודה וואס ער גייט טאן איז כוונתה צוליב דעם "ושבתה הארץ שבת לה'".

און דערנאך הויבט ער אן די עבודה פון די "שש שנים תזרע שדך גו'", און וויבאלד אז ער האט געהאט די הקדמה פון "ושבתה הארץ שבת לה'" נאך פאר די עבודה, דערפאר איז דעמאלט איז די עבודה אין די שש שנים באופן אחר.

און דערנאך נאך די "שש שנים תזרע שדך גו'" איז די גאנצע מלאכה פון די שש שנים עולה אין שנה השביעית (כנ"ל).

**יד.** עד"ז בנוגע צו יום השבת:



הנחה פרטית בלתי מוגה

פאר די ימות החול קומט א שבת וואס "מיני' מתברכין כולהו יומין" פון דער שבוע הבא לאחריו, וואס דאס איז דער אתעדל"ע וואס גיט כח אז די עבו־ה אין די ימות החול זאל זיין ווי עס דארף צו זיין.

דערנאך טוט ער די עבודה אין די ימות החול, און וויבאלד אז ער האט געהאט די הקדמה ואתעלד"ע פועל'ט דאס אז די עבודה זאל זיין באופן אחר.

און דערנאך איז די עבודה בימות החול עולה אין דער שבת נאך דערויף, אין די תפלות בשבת, כנ"ל.

**סו.** וואס עפי"ז איז פארשטאנדיק אז נוסף לזה וואס ביום השבת, ועד"ז בשנה השביעית, שטילט מען אין א העכערע דרגא ווי אין ימות החול, מ'שטילט אין די דרגא פון "ה' הוא נחלתו" - קומט אויך צו אז דעמאלט האט מען אויך די חלק ונחלה בעולם ווי דאס ווערט נתעלה און נכלל אין "ה' הוא נחלתו", ד.ה. ווי די עבודה פון ששת ימי החול ווערן נתעלה און נכלל אין יום השבת, ונוסף לזה איז די כוונה פון די גאנצע עבודה אין די ששת ימי החול אז דערנאך זאל זיין שבת, און דער כח לזה האט מען פון דעם שבת פאר די ששת ימי החול (ועד"ז בנוגע צו די עבודה פון די שש שנים מיט שנה השביעית).

וואס עד"ז געפינט מען בחיי האדם בכלל בכל יום:

יעדער טאג פיינגט מען אן מיט זאגן "מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי בחמלה רבה אמונתיך", וואס דאס איז א הודאה צו דעם אויבערשטן ווי ער איז "מלך חי וקיים", ווי ער שטילט העכער פאר וועלט, ע"ד ווי דער ענין השבת;

דערנאך זאגט מען ברכת השחר וואס זיינען שוין פארבונדן מיט וועלט; און דערנאך (לאחרי התפלה) גייט ער ארויס אין וועלט און איז "הנהג בהם מנהג דרך ארץ", וואס דאס איז ווי ער האט צו טאן פולשטענדיק מיט וועלט.

**סז.** עד"ז געפינט מען אויך אין כללות חיי אדם בא די וואס האבן זוכה געווען און האבן אין דעם מצליח געווען, אז זיי האבן זיך עוסק געווען מיט וועלט לאחרי ההקדמה פון התבוננות אז די כוונה פון די גאנצע עבודה אין וועלט איז צוליב דעם אז עס זאל זיין "ושבתה הארץ שבת לה'".

און דערנאך האט ער געטאן אין וועלט, און מצליח געווען, ביז אז ער האט איבערגעמאכט אז פון "ארץ כנען" זאל זיין "ארץ ישראל", וויבאלד אז ער האט געהאט די הקדמה פון די התבוננות הנ"ל.

און דערנאך גלה ממקומו וואו ער האט געטאן די עבודה פון "תזרע שדך" און "תזמור כרמך", און וויבאלד אז ער האט זיך געפונען אין גלות ממקומו האט ער ניט געקאנט טאן אין וועלט, ביז ווי דער חינוך שרייבט אז דער עונש פון גלות איז בדומה צו דער עונש הכי חמור אין תורה.

זאגט מען אז דער פירוש אין דעם איז, ניט אז דער גלות איז ח"ו א ירידה ממדריגתו, נאר אדרבה, דארטן דארף ער נאך נתעלה ווערן העכער ווי ער איז געשטאנען פריער, ווארום דארטן ווערט ביי אים דער ענין פון "ה' הוא נחלתו", וואס דאס איז א סאך העכער פאר די דרגא וואו ער איז געשטאנען לפנ"ז ווען ער האט געהאט צוטאן מיט וועלט, מיט "תזרע שדך" און "תזמור כרמך".

ונוסף לזה זאגט מען, אז ניט נאר וואס ער איז נתעלה געווארן צו א העכערע דרגא און במילא נעמט מען ביי אים צו די נידעריקערע דרגא - נאר ער איז גאר ניט אוועק פון די נידעריקערע דרגא, וואו ער איז געשטאנען אילדער ער איז געגאנגען אין גלות, די דרגא פון "תזרע שדך" און "תזמור כרמך", ווארום די דרגא ווערט נתעלה און נכלל אין די העכערע דרגא פון "ה' הוא נחלתו".

**יז.** ס'איז נאך אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק:

כל הנ"ל איז די מעלה פון טאן אין וועלט, "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" ווי מ'האט דאס אין עולמות עליונים, אין רוחניות; עס פעלט דאך אבער פארט דער מעלה פון דירה **בתחתונים** בפשטות?

איז דער ביאור בזה, אז נאך דערויף וואס דער טאטע איז גלה ממקומו, איז ניט געווען אז ער האט אויפגעהערט טאן אין די ענינים וועלכע ער האט פריער געטאן - נאר ער האט ממשיך געווען טאן אין די זעלבע ענינים; טאקע ניט מיט דעם זעלבן כמות, ובדרך ממילא ניט מיט דעם זעלבן איכות (ווארום בא אידן איז כמות און איכות פארבונדן זב"ז, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט "ברוב עם הדרת מלך", אז ווען עס קומט צו אין דעם "ברוב עם", אין כמות, קומט צו אין "הדרת מלך", אין איכות) - אבער ער האט דעמאלט אויך ממשיך געווען טאן מיט די אידן וואס האבן זיך דארטן געפונען, ביז אז ער האט אויך דערגרייכט צו אידן במקומות אחרים.

וואס עפי"ז קומט אויס אז באם טאטן איז געווען בײדע זאכן אין גלות: ער האט סײ געהאט דער עילוי וואס איז צוגעקומען אין גלות, "ה' הוא נחלתו" וואס דעמאלט האט ער געפראוועט התבודדות וכו', ואין כאן המקום להאריך בזה; און ער האט אויך געהאט דער ענין פון טאן אין וועלט, דער חלק ונחלה בעולם, ווארום ער האט דעמאלט אויך ממשיך געווען אין די עבודה וואס איז בײ אים געווען לפנ"ז, טאן מיט אידן אין וועלט כפשוטו.

ביז אז עד היום הזה זעט מען פירות און פירי פירות אין עוה"ז הגשמי פון די פעולות וואס ער האט דעמאלט געטאן. ועד"ז זײנען דא געדרוקט תורתו ושיחותיו והנהגותיו.

ביז, אז בײ אים איז אויך איצטער דא ע"ד ווי דער ענין פון "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים", וואס דערפון קומט דאך אויס אז עס זײנען דא ניט נאר פירות פון דעם וואס ער האט געטאן, נאר איצטער טוט ער אלײן אין די עבודה פון דירה בתחתונים, ווארום דורך דערויף וואס "זרעו" זײנען "בחיים" און זײ טוען אין דעם, איז "אף הוא בחיים" און ער טוט אין דעם.

**יח.** די נקודה, אז אויך זײענדיק אין דער העכערער דרגא, וואס בײ אים איז "ה' הוא נחלתו", טוט ער דעמאלט אויך אין א חלק ונחלה בעולם, אין "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" - געפינט מען אויך בא לוי (וואס בא זײ איז "ה' הוא נחלתו" און "על כן לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו", כנ"ל), ווי ס'איז מודגש אין פרש"י (הנ"ל):

רש"י זאגט ניט אז "לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו" דערפאר וואס "הובדלו לעבודת המזבח **ואסורין** לחרוש ולזרוע", נאר ער זאגט אז דאס איז דערפאר וואס "הובדלו לעבודת מזבח ואינן **פנויין** לחרוש ולזרוע",

וואס דערפון גופא איז מודגש אז אויב זײ וואלטן יע געהאט פנאי קענען זײ אויך טאן אין חרישה וזריעה.

און ס'איז פארשטאנדיק אז אזוי איז אויך געווען בפועל, כידוע אז אויך די לוים האבן געהאט "מגרשי הערים" (מסעי לה, ב ואילך) [ועד"ז האבן כהנים אויך א שייכות צו די ערי מגרש (ראה צפע"נ למס' מכות ע' כט; ע' מא ובהערה ד)], וואס בשעת זײ האבן געדארפט טאן די עבודה אין משכן "ואינן פנויין לחרוש ולזרוע", האבן זײ טאקע ניט געארבעט אין די פעלדער; אבער בשעת זײ זײנען ניט געווען פארנומען מיט די עבודה אין משכן, למשל בײנאכט, וואס דעמאלט איז ניטא קײן עבודה - האבן זײ דעמאלט זורע וחורש געווען אין זײערע פעלדער.

דאס איז נאכמער מודגש לויט די דיעה אז לע"ל וועלן די לויים אויך האבן א חלק ונחלה בארץ.

עד"ז געפינט מען אויך בא יצחק, אז אע"פ וואס ער איז אויך געשטאנען אין די דרגא וואס ביי אים איז געווען "ה' הוא נחלתו", "שייחד הקב"ה שמו על יצחק הצדיק בחייו", וויבאלד אז "נתייסם בעיניו" איז "כאילו הוא מת" - איז אבער אויך פון אים געבליבן א רושם אין וועלט, ווי דער מדרש זאגט דארטן אז "רואה את אפרו כאילו הוא תבור על גבי המזבח" (?).

עד"ז אויך בא תלמידי חכמים, וואס אע"פ אז "ת"ח איקרי שבת", וויבאלד ער שטייט העכער פאר וועלט - האט מען אבער געזען בפועל אז רוב תלמידי חכמים האבן אויך געטאן אין חרישה וזריעה אין זייערע פעלדער.

**יט.** דאס וואס מ'דערמאנט זיך אויף דעם סיפור הדברים וואס איז אמאל געווען, איז דאס ניט נאר צוליב דערמאנען זיך א סיפור וואס איז איין מאל געווען - נאר מ'דארף דערפון ארויסנעמען א הוראה און א בכן בנוגע לעבודה בפועל:

בשעת איינער געפינט זיך במקומו, און ער איז דארטן עובד עבודתו און איז אין דערויף מצליח, און דערנאך מצד בלבול הזמנים נעמט מען אים צו ממקומו און מ'שיקט אים אין גלות, וואס דארטן קען ער ניט טאן עבודתו ווי ער האט עס געטאן לפנ"ז - ווערט א שטורעם'דיקע שאלה:

פארוואס נעמט מען צו א איד ממקומו, פון "שדך" און "כרמך", און מ'שיקט אים אין גלות און מ'לאזט אים ניט עובד זיין אין "תזרע שדך" און "תזמור כרמך" וואס אין דעם האט ער ביז איצטער עובד געווען און אין דעם מצליח געווען?!

ובפרט ווי דער חינוך שרייבט אז דער עונש פון גלות איז בדומה צו דער עונש הכי חמור אין תורה!

ובפרט אז דעם גלות וואו מ'האט אים געשיקט איז געווען א גלות בתוך גלות, ווארום אין יענער זמן איז בכלל געווען גלות, ובפרט אין מדינה ההיא און אין מצב ההוא, און אין דעם גלות גופא האט מען אים געשיקט אין גלות ממקומו!

**כ.** ועד"ז ווערט א שאלה בנוגע צו דער גלות אין וועלכע מ'געפינט זיך איצטער:

בכללות איז דער עצם ירידת הנשמה אין גוף דער ענין הגלות, כמבואר אין תניא און אין מאמרים, ווארום די נשמה איז יורד "מאיגרא רמה לבירא עמיקתא", פון א דרגא וואו זי איז געשטאנען אין אן אופן פון "בחד קטירא אתקטרנא בי' בי' אחידא בי' להטא בי' אתדבקת" צו א דרגא וואו זי האט ניט די אלע ענינים.

דערנאך איז "מפני חטאינו גלינו מארצנו": מ'איז אריין אין א גלות בתוך גלות, וואס דעמאלט פעלט די עבודה וואס מ'האט פריער געקענט טאן.

און אפילו אויב אין דעם גלות טוט מען עבודה בשלימות - קומט אבער ניט דער שלימות צו די שלימות העבודה וואס איז געווען פאר דעם וואס מ'איז אריין אין גלות.

די גמ' אין מכות (י, א) זאגט טאקע אז "הרב שגלה מגלין ישיבתו עמו", "דתהוי לי' חיותא" - איז דאס אבער פארט גלות, און ידע אינש בנפשי' ווי דער גלות פועל'ט אויף עבודתו.

און ווי מ'זעט עס אויך בפשטות, אז זיצנידק בא דעם פארברייינגען ביום השבת, וואס שבת איז העכער פאר אלע בלבולי העולם - זיינען דא אזוינע וואס טראכטן

וועגן דעם מסחר וואס זיי האבן געטאן בערב שבת און וואס זיי וועלן טאן נאך שבת!

זיי טוען פונקט פארקערט ווי עס דארף זיין: ניט נאר וואס זיי טראכטן ניט בימות החול וועגן שבת, וואס דאס איז דאך די גאנצע כוונה פון די עבודה אין די ימות החול (כנ"ל) - נאר ביום השבת אין זמן פון רעוא דרעוין, טראכטן זיי וועגן די מלאכה פון ערב שבת און וואס וועט זיין נאך שבת!

וואס בשלמא בנוגע צו טראכטן וואס וועט זיין אין דעם מסחר נאך שבת - איז דאס טאקע אסור ווארום מ'איז מכין משבת לחול, אבער אין דערויף איז דא עכ"פ א תועלת; משא"כ בשעת מ'טראכט וועגן דעם מסחר וואס איז געווען ערב שבת - איז דאך אין דערויף ניטא קיין תועלת, ווארום מ'קען סיי ווי ניט משנה זיין דעם עבר!

דער קאפ פון א אידן, ובפרט ביום השבת, דארף ניט ליגן אין קאלאשן, נאר אין תורה; די פיס דארפן ליגן אין קאלאשן, אבער ניט דער קאפ.

און דוקא דעמאלט איז ער מצליח אין זיין מסחר, ניט ווי די וואס מיינען אז בשעת אויך די קאפ ליגט אין קאלאשן וועט ער מערער מצליח זיין אין דעם מסחר.

און מ'זעט אז אעפ"כ ליגט אויך דער קאפ אין קאלאשן, און ער טראכט וועגן מסחר ווען ער דארף טראכטן וועגן תורה - איז דאס מדגיש ווי דער גלות שטערט צו עבודה בשלימות.

ווערט די אויבענדערמאנטע שאלה: פארוואס שיקט מען א אידן אין אזא גלות?!

כא. האט מען דער ענטפער און דער הוראה אויף דערויף פון לוי (כמדובר לעיל בארוכה):

וויבאלד אז "הבדיל ה' את שבט לוי לשאת את ארון ברית ה' לעמוד לפני ה' לשרתו ולברך בשמו" - "על כן לא הי' ללוי חלק ונחלה עם אחיו": וויבאלד אז זיי האבן א העכערן ענין וואס "ה' הוא נחלתו", דערפאר נעמט מען פון זיי צו די עבודה וואס איז נידעריקער דערפון.

ועד"ז איז בנוגע צו יעדן אידן, ווי דער רמב"ם זאגט אז "לא שבט לוי בלבד -אלא כל איש ואיש מכל באי העולם אשר נדבה רוחו אותו והבינו מדוע להבדל לעמוד לפני ה' לשרתו ולעובדו כו' הרי זה נתקדש קדש קדשים ויהי' ה' חלקו ונחלתו לעולם ולעולמי עולמים כו'".

און דערפאר נעמט מען פון אים צו נידעריקערע ענינים אין זיין עבודה.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין הגלות:

דערפון גופא וואס מ'האט דעם אידן געשיקט אין גלות און ביי אים צוגענומען אן ענין בעבודתו במקומו - איז א הוכחה אז ער האט איצטער א העכערער ענין, דער ענין פון "ה' הוא נחלתו", וואס דורך דערויף קען ער צוקומען צו העכערן עילוי ווי ער איז געשטאנען איידער ער איז אריין אין גלות.

ווארום בגלוי איז דער ענין הגלות דער ענין פון חסדים מכוסים, און דורך דערויף וואס די גבורות וועלן ווערן גבורות ממותקות - וועט מען צוקומען צו א דרגא הכי נעלית אין חסד, וכמבואר ג' פעמים אין תניא בנוגע צו גבורות ממותקות וואס קומען דורך יסורים.

און דערנאך האט מען די צווייטע הוראה, אז ס'איז ניט דער פשט אז וויבאלד ער שטייט יעצט אין א העכערע דרגא, "ה' הוא נחלתו", דארף ביי אים בלט זיין די

עבודה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים וואס איז ביי אים געווען פאר דערויף וואס ער איז נתעלה געווארן - באר אויך ווען "ה' הוא נחלתו" דארף מען טאן אין דעם חלק ונחלה בעולם, אין "תזרע שדך" און "תזמור כרמך", און דורך דערויף קומט צו נאך א העכערער עילוי אין די עבודה וואס ער האט פריער געטאן אין וועלט.

**כב.** און אזוי ווי די עבודה דארף זיין מיט זיך אין דעם ענין עד"ז דארף מען אויך טאן אין דעם מיט א זולת, און אין אופן אן הגבלות, וואס דעמאלט איז "במדה שאדם מודד בה מודדין לו" - וועט דאס אראפנעמען אויך זיינע אייגענע הגבלות.

וע"ד ווי דער צ"צ איז מבאר (אוה"ת בראשית כ"ו תתרכו, ב'ואילך) בנוגע צו "צדקה תרומם גוי", אז דורך צדקה זווערט "מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה", און ווי ס'איז דארטן משמע מיינט דאס אלף פעמים כפשוטו.

ווי ער ברייינגט דארטן א ראי' דערצו פון דעם מארז"ל "אלף נכנסים למקרא כו' ואחד יוצא להוראה", אז בשעת מ'פועל'ט אז פון "אלף נכנסים למקרא" זאל זיין "אחד יוצא להוראה" - איז פארשטאנדיק אז אין דעם "אחד" ליגט דעם גאנצן "אלף" וואס זיינען "נכנסים למקרא", ווארום פון דעם "אלף" האט ער ארויסגעבראכט דעם "אחד", ועאכו"כ בשעת ער פועל'ט אז עס זאל זיין "שנים יוצאים להוראה", וואס דעמאלט האט ער ב' אלפים.

**כג.** וכן תהי' לנו, אז פון פ' עקב זאל מען קומען צו פ' ראה, און עס זאל מקויים ווערן דער "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה" - אז דער אויבערשטער גיט א ברכה אין אן אופן פון "נותן", ווי א מתנה, וואס דעמאלט איז די ברכה אן קיינע הגבלות, און אין אופן פון "ראה", אז מ'האט אין דערויף ראי',

וואס אזוי וועט זיין דער לימוד התורה ע"י משיח, וואס הוא ילמד כל העם כולו אין אן אופן פון ראי',

בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה,

"והקיצו ורננו שוכני עפר".

* * *

**כד.** נאך דעם וואס עס שטייט אין אנהויב פרשתנו "והי' עקב תשמעון גו'", שטייט: "ואהבך וברכך והרבך וברך פרי בטנך גו'".

וואס "פרי בטנך" גייט בפשטות אויף בנים ובנות.

זאגט דער פסוק אז "ואהבך וברכך והרבך וברך פרי בטנך", אז מ'וועט געבענטשט ווערן מיט א ריבוי בנים ובנות וואס וועלן זיין עוסקים בתורה ומצוות.

און אויך: אז אין יעדער איינער פון "פרי בטנך", אין יעדער בן ובת, וועט זיין ניכר דעם "בירך" פון דעם אויבערשטן: אין יעדער בן ובת וועט זיין די דריי ענינים, "ואהבך", "וברכך" און "והרבך".

**כה.** אזוי אויך אין דער הפטורה פון היינטיקן שבת, איז אויך דא וועגן קינדער, בנים און בנות.

וואס די הפטורה האט דאך א שייכות מיט דער סדרה וועלכע מ'לייענט פאר איר, וואס דערפאר איז אזוי ווי אין דער סדרה רעדט זיך וועגן בנים ובנות, "פרי בטנך", עד"ז רעדט זיך וועגן דעם אויך אין דער הפטורה.

אין דער הפטורה קומט אבער אויך צו אז דאס האט א שייכות מיט ימי הגלות:

כידוע אז דער גאנצער ענין פון הפטורה איז געקומען צוליב דעם וואס ס'איז געווען א גזירת המלכות אז מ'טאר ניט לערנען תורה - האט מען דעמאלט מתקן געווען אז מ'זאל איינשטאט דעם זאגן א הפטורה;

און וויבאלד אז מ'האט עס דעמאלט מתקן געווען, איז דאס שוין געבליבן אויך דערנאך ווען די גזירה איז בטל געווארן, וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז אויך לע"ל וועט זיין דער ענין ההפטורה.

וואס וויבאלד אז אויך אין דער הפטורה רעדט זיך וועגן בנים ובנות - איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון בנים ובנות האט אויך א שייכות מיט עניני גלות.

ובנוסף לזה, איז דאך דער הפטורה בדוגמא ווי דער ענין פון קריאת התורה, ביז אז דאס איז דער סיום וחותם פון דער סדרה - איז אזוי ווי אויף קריאת התורה זאגט מען אז דאס איז בדוגמא ווי "אדם קורא לחבירו" און "כאב הקורא לבנו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז אויך ווי "בנו הקורא לאביו" - עד"ז איז אויך בנוגע צו קריאת ההפטורה.

און כאמור, אזוי ווי אין הייינטיקער סדרה רעדט זיך וועגן "פרי בטנך", וועגן בנים ובנות, אזוי אויך אין הייינטיקער הפטורה רעדט זיך וועגן בנים ובנות גאר בגלוי.

**כו.** אין הייינטיקער הפטורה זאגט ישעי' הנביא:

"כה אמר ה' אלקים הנה אשא אל גוים ידי ואל עמים ארים נסי והביאו בניך בחצן ובנותיך על כתף תנשאינה":

דער אויבערשטער - וואס ער איז דער בורא עולם ומנהיגו, און ער באשאפט די גוים בכל רגע ורגע מאין ואפס המוחלט, כתורת הבעש"ט, און נאר די וואס "טוח עיניהם מראות" האלטן ניט אזוי - זאגט, "הנה אשא אל גוים ידי ואל עמים ארים נסי".

"והביאו בנים בחצן ובנותיך על כתף תנשאינה", וואס "בניך" און "בנותיך" גייט בפשטות אויף אידישע בנים און בנות, און אע"פ אז דער פירוש אין דעם איז, אז דאס גייט אויף אלע אידן, אויך ערוואקסענע - איז אבער בדיוק הלשון מיינט "בניך" און "בנותיך" - קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך.

און די גוים וועלן טראגן די אידישע קינדער אין אן אופן פון "תנשאינה", זיי וועלן זיי אויפהויבן, וואס דאס באווייזט אויף אן ענין של תענוג.

און "והביאו", זיי וועלן ברענגען "בניך" און "בנותיך" צו כנסת ישראל, ווארום דאס קומט בהמשך צו דעם וואס עס שטייט פריער: "ואמרת בלבבך (וואס דאס גייט אויף כנס"י, ווארום דאס קומט בהמשך צו דעם וואס עס שטייט אין התחלת ההפטורה "ותאמר ציון") מי ילד לי את אלה ואני שכולה וגלמודה וסזרה ואלה מי גידל הן, אני נשארתי לבדי אלה איפה הם":

כנס"י פרעגט "מי ילד לי את אלה", און זי זאגט אז אויב אפילו איין אידיש קינד ווערט אגעריסן און ער פעלט - איז "אני גלמודה"!

און אויף זערויף ענטפערט דער אויבערשטער: "כה אמר ה' אלקים הנה אשא אל גוים ידי ואל עמים ארים נסי והביא בניך בחצן ובנותיך על כתף תנשאינה".

און ער איז ממשיך: "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך": גוים זיינען יש אז דאס איז א זכות פאר זיי אז זיי זאלן ברענגען "בניך בחצן ובנותיך על כתף תנשאינה", און דערפאר לאזן זיי עס ניט אז א צווייטער זאל דאס טאן נאר זיי אליין טוען דאס, און אפילו א מלך און שרותיהם וואס זיי האבן עבדים, איז ניט ער שיקט די עבדים דאס טאן, נאר "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך".

**כז.** אין יעדער זאך דארף דאך זיין א מעין זה אין עבודת ישראל, און עס דארף זיין דער קב שלו - האט מען דערפון די הוראה אויף וויפל מ'דארף טאן מיט אידישע קינדער, מיט "בניך" און "בנותיך":

ער טענה'ט אז ער האט געטאן אלץ כפי יכלתו, און מערער פון יכלתו - איז וואס וויל מען פון אים?!

זאגט מען אים אויב עס פעלט אפילו נאר **איין** אידיש קינד וואס איז נאך אפגעריסן פון אידישקייט - זאגט גאנץ כנס"ל "אני גלמודה"!

וואס דערפון ווייסט ער אין וואס דארף באשטיין זיין ארבעט, און וויפל ער זאל נאר טאן, איז אויב עס פעלט נאך אבער איין אידיש קינד, איז א הוכחה אז ער האט ניט געטאן וויפל ער האט געדארפט טאן.

און דערפאר דארף ער קוקן אויף יעדער אידיש קינד, אז דער קינד איז נוגע צו גאנץ כנס"י, וואָרום לולי דער קינד איז כנס"י "גלמודה".

און מ'דארף קוקן אויף יעדער אידיש קינד אז ער איז אן "עולם מלא", און דערפאר איז ער "נברא יחידי" אזוי ווי אדה"ר, וויבאלד ער איז אן "עולם מלא", און ער איז אויך כולל אין זיך זרעו וזרע זרעו, ביז צו גאנץ סדר ההשתלשלות.

און בשעת מ'זעט א אידיש קינד דארף מען זיך פארשטעלן וויפל מ'וואלט מיט אים געטאן אויב ער וואלט געווען דער איינציקער מענטש אויף דער גאנצער וועלט, "נברא יחידי", אזוי ווי אדה"ר.

**כח.** פרעגט דער איד:

וואס וועט העלפן זיין פעולה מיט אידישע קינדער אין וועלט, בשעת עס זיינען דאך דא גוים אין וועלט?!

זאגט מען אים, אז בנוגע צו גוים וועט זיך שוין דער אויבערשטער מיט זיי עספראווען, ווי ער האט שוין איבערגעגעבן דורך ישעי' הנביא, וואס "רוח ה' דיבר בו ומלתו על לשונו", אז "אשא אל גוים ידי ואל עמים ארים נסי והביאו בניך בחצן ובנותיך על כתף תנשאינה": אויב מ'וועט דארפן אנקומען צו א נס - וועט מען מאכן א נס; אויב מ'וועט דארפן אנקומען צו א נס בתוך נס, "ארים נסי", אין נס גופא "ארים נסי" - וועט מען מאכן א נס בתוך נס - אבער דער עיקר איז אז אויף די גוים וועט מען זיכער פועל'ן!

ביז נאכמער: די גוים אליין זיינען מרגיש אז דאס איז זייער זכות, און זיי ווינטשן זיך אז זיי זאלן דאס קענען טאן, און ניט דורך א שליח נאר אליין טאן, "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך".

**כט.** וויבאלד אז עס דארף אבער זיין דער קב שלו - איז דערפאר דארפן אויך אידן טאן אין דעם:

אידן דארפן איבערגעבן די גוים, אז זייער תפקיד שוין פון זמן ישעי' הנביא, איז - צו ברענגען "בניך בחצן ובנותיך על כתף תנשאינה" קיין ארץ ישראל הרוחנית, ד.ה. ברענגען אידישע קינדער צו א אידישע סביבה, "ארץ ישראל" - "ארץ

- שרצתה לעשות רצון קונה", "ישראל" - על שם "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל", ער האט מנצח געווען סיי אויף מלאכים, און סיי אויף אנשים.

און ברייננגען זיי אין "ארץ ישראל" גופא קיין "ירושלים" - צו דער שלימות פון יראת ה'.

ואין מקרא יוצא מידי פשוטו - זיי זאלן ברייננגען "בניך בחצן ובנותיך על כתף תנשאינה" קיין ארץ ישראל כפשוטו, בביאת משיח צדקנו.

**ל.** דערצו דארף מען דאך אבער האבן די הכנה נאך בזמן הזה,

וואס דערפאר רעדט מען אין די זמנים האחרונים וועגן "והשיב לב אבות על בנים".

וואס דאס באשטייט פון צוויי נקודות האמורות לעיל: ערשטענס דארף מען זען איבערגעבן גוים וואס זייער תפקיד איז, צו ברייננגען אידישע קינדער "בניך בחצן ובנותיך על כתף תשאינה" נעענטער צו אידישקייט, און די גוים ווארטן אז מ'זאל דאס זיי איבערגעבן.

און דערפון איז פארשטאנדיק (די צווייטע נקודה) אויף וויפל אידן דארפן טאן אין "והשיב לב אבות על בנים".

און אזוי ווי מ'זעט אז בא גוים טוען די מלכים און שרותיהם אליין אין די עבודה, און זיי פארלאזן זיך ניט אויף קליינע שלוחים, "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מינקותיך" - עד"ז ובמכ"ש וק"ו דארף זיין ביי אידן, אז מ'זאל ניט ווארטן ביז מ'מאכט אן אסיפה, און מ'איז ממנה א ועידה, א קאמיטעט, און דערנאך שיקט מען א שליח צו גיין טאן מיט קינדער - נאר מ'זאל גלייך אליין גיין טאן אין דעם.

און טאן אין דעם מתוך תענוג, ווארום דאס רעדט זיך וועגן קינדער, וואס בשעת מ'טוט מיט קינדער איז דאס מתוך תענוג און מיט א געשמאק, און ניט ווי א לאסט.

וכידוע הסיפור, אז א מוטער איז אמאל געגאנגען אויף א בארג און זי האט מיט זיך געטראגן איר קינד, האט מען ביי איר געפרעגט - דאס איז דאך א לאסט?! האט זי געענטפערט: דאס איז ניט קיין לאסט... דאס איז א קינד!

וואס בשעת מ'טראגט א קינד איז דאס מיט א געשמאק און מיט א תענוג.

**לא.** מהאמור לעיל ווי ס'איז מודגש אין די פסוקים פון דער הפטורה ווי ווייט מ'דארף זיך משתדל זיין בנוגע צו יעדער אידישער אינגעלע און מיידעלע, ביז אז קיין איין און איינציקער קינד זאל ניט פעלן וכו' - איז אויך פארשטאנדיק דער גודל המעלה פון אידישע קינדער, און וויפל זיי פארמאגן.

וואס דערפאר רעדט מען וועגן די הפלאה זייערע און דערפון נעמט מען אויך ארויס וויפל די קינדער דארפן אליין טאן וויבאלד אז מ'האט זיי געגעבן אזעלכע כוחות.

ועי"ד ווי די גמ' דערציילט אז "רבי מכבד עשירים", וואס אין גמ' שטייט ניט אז ער האט נאר מכבד געווען עשירים וואס האבן געהאט יר"ש, אדער וואס האבן געגעבן צדקה; עס שטייט נאר אז ער האט מכבד געווען עשירים סתם, אויב זיי זיינען נאר געווען אן עשיר האט רבי אים מכבד געווען.

און די הסברה וטעם לזה איז, אז דערפון גופא וואס דער אויבערשטער האט דעם מענטשן געגעבן פון "לי הכסף ולי הזהב", וואס דאס איז דאך בכדי אז דער מענטש זאל דאס אויסנוצן אויף דברים טובים, איז פארשטאנדיק אז דער מענטש האט אן עילוי לגבי אנדערע מענטשן, ווייבאלד אז דער אויבערשטער האט אים געגעבן כוחות וואס א צווייטער האט ניט, און ניט נאר א פרוטה אדער א מנה מערער פאר א צווייטער, נאר א ריבוי מערער, ביז אז ער ווערט אנגערופן אן עשיר.

אז דער אויבערשטער האט געקאנט געבן א צווייטן מ' און דערפאר איז אפילו אויב דער עשיר נוצט ניט אויס די כוחות וואס מ'האט אים געגעבן, האט אים רבי מכבד געווען, ווייבאלד דער אויבערשטער האט אים געגעבן די כוחות.

אז מ'האט געקאנט געבן א צווייטן א ריבוי ממון - איז אבער "בהדי כבשי דרחמנא למה לך"; און בפועל האט מען געגעבן דעם מענטשן א ריבוי ממון, במילא דארף מען אים מכבד זיין.

לב. ועד"ז איז בנוגע צו די קינדער: דערפון וואס מ'זעט אז אין דער הפטורה רעדט ער וויפל מ'האט זיך משתדל געווען בנוגע צו "בניך" און "בנותיך", איז פארשטאנדיק אז דער אויבערשטער האט געגעבן כחות מיוחדות וואס אנדערע האבן ניט, וואס דערפאר דארף מען צוליב דעם מכבד זיין די קינדער.

און דער עיקר - דערפון האט מען די הוראה פאר די קינדער וויפל זיי דארפן זיך עוסק זיין אין תומ"צ, ווייבאלד אז מ'האט זיי געגעבן כחות מיוחדות וואס אנדערע האבן ניט.

ביז ווי דער רמב"ם זאגט אז דורך מעשה אחד קען מען מכריע זיין עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות ולהביא ישועה והצלה.

וואס בפשטות מיינט דאס, אז די קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך, דארפן מוסיף זיין אין זייער לימוד התורה וואס איז געווען ביז איצטער, ועד"ז בנוגע צו קיום המצוות שלהם.

און זיי דארפן זיך אויך משתדל זיין העלפן אנדערע קינדער.

ועד"ז דארף זיין "והשיב לב אבות על בנים" - זיי דארפן אויך פועל'ן אויף זייערע עלטערן, און אויך זייערע זיידעס און באבעס, אז זיי זאלן אויך מוסיף זיין אין תומ"צ שלהם.

און דאס איז ניט קיין ענין וואס איז נוגע ערשט מארגן אדער איבערמארגן - נאר מ'דארף שוין אנהויבן טאן אין דעם היינט, סיי בנוגע צו די החלטות טובות וואס מ'קען היינט אננעמען אויף זיך, און אויך בנוגע צו מעשה בפועל אויף וויפל ס'איז שייך טאן ביום השבת.

לג. וואס דערפאר איז בכדי צו מקשר זיין דאס מיט א מעשה בפועל - זאלן די קינדער וואס זיינען דא זאגן לחיים, און דערנאך זאלן זיי זינגען א ניגון של שמחה, און די בנות וואס געפינען זיך אין עזרת נשים זאלן צופאטשן מיט די הענט.

און דורך די שמחה וועט זיין "יעלה הפורץ לפניהם", און מ'וועט אויפשטורעמען די לעצטע שיריים פון גלות, און דאס וועט צוברייגען צו די גאולה, במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן הושיעה את עמך.

* * *

**לד.** מ'האט גערעדט כמ"פ וועגן דעם וואס די גמ' (שבת קיט, ב) זאגט אז "אין מבטלין תינוקות של בית רבן אפילו לבנין בית המקדש".

וואס לכאו' איז דאס ניט פארשטאנדיק: היתכן אז תינוקות זאלן ניט האבן קיין חלק אין בנין ביהמ"ק, וואס אויף אים שטייט :"בנה בניתי בית זבול לך מכון לשבתך עולמים" (מ"א ח, יג. דה"ב ו, ב)?!

ע"ד ווי די שאלה וואס מ'האט פריער געפרעגט בנוגע צו שבט לוי: היתכן אז מ'האט צוגענומען פון שבט לוי דער חלק ונחלה בעולם?

ובפרט אז מ'זאגט (אין די זעלבע גמ' וואו עס שטייט אז "אין מבטלין תשב"ר אפילו לבנין ביהמ"ק") אז "אל תגעו במשחי אלו תינוקות של בית רבן", וואס משיח איז פארבונדן מיט בנין ביהמ"ק, ווי דער רמב"ם זאגט אז משיח וועט בויען דער מקדש במקומו - איז היתכן אז תשב"ר וואס זיי ווערן אנגערופן משיח, זאלן ניט האבן קיין חלק אין בנין ביהמ"ק?!

**לה.** איז דער ביאור בזה:

וויבאלד אז תורת חסד זאגט אזוי, אז "אין מבטלין תשב"ר אפילו לבנין ביהמ"ק" איז פארשטאנדיק אז דורך דערויף גופא וואס די תשב"ר לערנען תורה בויען זיי אויף דעם ביהמ"ק.

נאר וואס - זיי בויען אויף דער נשמה פון דעם ביהמ"ק, ווארום ענינה פון דעם ביהמ"ק איז השראת השכינה, און דאס טוט מען אויף דורך לימוד התורה, וואס אורייתא וקוב"ה זיינען כולא חד.

וואס דאס איז דורך לימוד התורה בכלל; במיוחד טוט מען אויף דער בנין פון דעם (נשמה פון) ביהמ"ק, דורך לימוד הלכות שבתורה - כמארז"ל "משחרב ביהמ"ק אין לו להקב"ה בעולמו אלא ארבע אמות של הלכה בלבד", און ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר אין סוף חלק ראשון פון תניא.

ובפרט בשעת מ'לערנט וועגן בנין בית הבחירה, וואס דעמאלט זאגט דער אויבערשטער "אני מעלה עליהם כאלו הם עוסקין בבנין הבית", ווי עס שטייט אין תנחומא.

וואס דאס איז דורך לערנען וועגן בית הבחירה בכלל; ובפרט ווען מ'לערנט אן ענין אין **הלכות** בית הבחירה, וואס דעמאלט האט מען סיי די מעלה וואס מ'לערנט אן ענין וועגן בית הבחירה, און סיי די מעלה וואס מ'לערנט הלכות שבתורה.

וואס דערפאר איז כאן המקום צו מסיים זיין דאס וואס מ'האט גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות אין דעם סיום והתחלה פון הלכות בית הבחירה (להרמב"ם).

**לו.** אין דעם סיום פון הל' ביהב"ח רעדט זיך וועגן דער סדר תמידי וואס איז געווען אין ביהמ"ק בסוף כל לילה פאר דעם וואס עס האט זיך אנגעהויבן עבודת היום.

[וואס דער ענין (וועגן דער עבודה בסדר תמידי וואס איז געווען בסוף כל לילה אין מקדש) ועד"ז די שאר הענינים וואס דער רמב"ם ברענגט בנוגע צו דער עבודה תמידית וואס איז געווען אין מקדש - האט דער רמב"ם גענומען פון מס' תמיד, וואס דארטן רעדט זיך וועגן דער עבודה תמידית וואס איז געווען אין מקדש, וואס דערפאר ווערט דער מס' בפשטות אנגערופן מס' **תמיד** (ראה לקו"ש חי"ג), נוסף להטעם פשוט אז דארטן רעדט זיך וועגן דעם קרבן **תמיד**; משא"כ די עבודות וואס איז ניט געווען באופן תמידי אין דער מקדש, ווי די מוספין בשבת, ביוהכ"פ וכיו"ב - רעדן זיך אין מס' יומא, מס' זבחים ועוד].

זאגט דער רמב"ם (פ"ח הי"א): "בשחר קודם שיעלה עמוד השחר סמוך לו יבוא הממונה של מקדש וידפוק על הכהנים שבבית המוקד והן פותחין לו, נטל את המפתח ופתח את השער הקטן שבין בית המוקד ובין העזרה (און ער האט גענומען די כהנים מיט זיך) ונכנס מבית המוקד לעזרה ונכנסו אחריו הכהנים ושתי אבוקות של אור בידם ונחלקו לשתי כתות, כת הולכת למזרח וכת הולכת למערב, והיו בודקין והולכין את כל העזרה עד שיגיעו שתי הכתות למקום בית עושי חביתין, הגיעו אלו ואלו אומרין שלום הכל שלום והעמידו עושי חביתין לעשות חביתין".

דערנאך איז ער ממשיך אין דער הלכה שלאח"ז (און דערמיט איז ער מסיים הל' ביהב"ח) (הלכה יב): "בסדר הזה עושין בכל לילה ולילה חוץ מלילי שבת שאין בידם אור אלא בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת".

[וואס דאס איז דאך בכלל א דבר פלא אז דער רמב"ם איז מסיים הל' ביהב"ח דוקא מיט א הלכה וועגן שבת].

**לז.** פרעגן אויף דערויף אלע די שאלה (און ווי געבראכט אין דער פריערדיקער התוועדות): טלטול נר בשבת איז נאר אן ענין של שבות, און ס'איז דאך דא דער כלל אז "אין שבות במקדש" - איז פארוואס זאגט דער רמב"ם אז וויבאלד אז בלילי שבת "אין בידם אור" איז "בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת"?

און ווי מ'ברענגט (מל"מ שם) די דוגמאות אויף "אין שבות במקדש" פון דעם וואס בליל יוהכ"פ האט דער כה"ג געדארפט זיין אויף כל הלילה, און אויב "ביקש להתנמנם פרחי כהונה מכין לפניו באצבע צרדא" (משנה יומא יט, ב. רמב"ם הל' עבודת יוהכ"פ פ"א ה"ח וראה כס"מ הל' שבת פכ"ג ה"ד),

ועד"ז פון דעם דין (רמב"ם שם פ"ב ה"ד. יומא לד, ב) בנוגע צו טבילת כה"ג ביוהכ"פ, אז "הי' כהן גדול זקן או חולה מלבנין עששיות של ברזל באש מבערב ולמחר מטילין אותן במים כדי להפיג צינתן, שאין שבות במקדש".

און מ'בלייבט אין א צ"ע בנוגע צו דעם וואס דער רמב"ם שרייבט אז בלילי שבת "שאין בידם אור" איז "בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת".

**לח.** דער כסף משנה ענטפערט, אז "שאני הכא דאפשר בנרות הדלוקים מערב שבת". ד.ה. אז דער כלל פון "אין שבות במקדש" איז נאר ווען ס'איז ניטא קיין אנדער ברירה, בשעת אבער ס'איז דא אן אנדער ברירה (וואס איז ניט קיין איסור שבות) איז דעמאלט איז אויך א שבות אסור במקדש.

וואס דערפאר איז וויבאלד אז מ'האט דער תירוץ פרעגט מען אבער גלייך אפ (מל"מ שם) פון די צוויי דינים הנ"ל, אצבע צרדא און עששיות של ברזל:

אויך בא דער דין פון "ביקש להתנמנם" איז דא אנדערע ברירות חוץ פון "מכין לפניו באצבע צרדא" - מ'קען רעדן מיט אים און אים ניט לאזן איינשלאפן, אדער באופן אחר, וואס איז ניט קיין איסור שבות - און אעפ"כ זאגט מען אז "מכין לפניו באצבע צרדא", דערפאר וואס "אין שבות במקדש".

עד"ז בנוגע צו אנדווארמען די מקוה פארן כה"ג איז דאך דא א צווייטע ברירה (ווי דער רמב"ם אליין ברענגט אראפ (הל' יוהכ"פ פ"ב שם)) אז "מערבין מים חמין במי המקוה עד שתפיג צינתן", וואס דאס איז ניט קיין איסור שבות - און אעפ"כ זאגט מען אז מ'קען נוצן די עצה פון "מלבנין עששיות של ברזל באש מבערב ולמחר מטילין אותן במים כדי להפיג צינתן, שאין שבות במקדש".

און עס שטייט ניט אין די גמ' (ועד"ז אין רמב"ם (?)) אז די עצה פון "מלבנין עששיות של ברזל כו'" קען מען נוצן דוקא ווען עס איז ניטא קיין מים חמין.

וואס דערפון קומט דאך אויס אז אפילו ווען ס'איז דא א צווייטע ברירה, איז אויך דא דער כלל פון "אין שבות במקדש", ניט ווי דער כס"מ זאגט.

ווערט צוריק די שאלה אויפן רמב"ם פארוואס מ'איז ניט געגאנגען בודק זיין בליל שבת מיט שתי אבוקות של אור בידם, נאר "בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת" - וויבאלד אז "אין שבות במקדש"?

**לט.** ויש לומר אויף צוויי אופנים:

איין אופן (בהוספה אויף דעם וואס דער כס"מ זאגט):

דער גאנצער כלל פון "אין שבות במקדש" זאגט מען נאר בנוגע זאכן וואס טרעפן ניט בסדר תמידי אין מקדש; בנוגע צו זאכן וואס טרעפן בסדר תמידי אין מקדש זאגט מען ניט "אין שבות במקדש":

דער דין פון "ביקש להתנמנם פרחי כהונה מכין לפניו באצבע צרדא", רעדט זיך נאר פעם אחת בשנה (ביוהכ"פ), און נאר אין א פאל ווען דער כה"ג "ביקש להתנמנם", ד.ה. אז ס'איז ניט קיין זאך וואס איז געטראפן בסדר תמידי - דערפאר זאגט מען "אין שבות במקדש" און "מכין לפניו באצבע צרדא".

עד"ז קושר נימה און חותכין יבלת זיינען זאכן וואס זיינען ביט רגילים, און אפילו אויב זיי זיינען יע רגילים - זיינע זיי אבער געטראפן זייער זעלטן - דערפאר זאגט מען אז "אין שבות במקדש" און מ'מעג קושר זיין א נימה און חותך זיין א יבלת בשבת אין מקדש.

משא"כ בנדו"ד בנוגע צו גיין בודק זיין דעם מקדש בליל שבת מיט שתי אבוקות של אור - רעדט זיך דאך וועגן א סדר תמידי - צו גיין בודק זיין דעם מקדש און מטלטל זיין שתי אבוקות של אור בכל שבת ושבת און אויך בר"ה און ביוהכ"פ וכו' - איז אין אזא פאל צו לכתחילה איינשטעלן א סדר קבוע אז בכל שבת ושבת וכו' זאל מען עובר זיין אויף אן איסור שבות (טלטול נרות) - זאגט מען ניט "אין שבות במקדש", און דערפאר זאגט דער רמב"ם אז מ'איז ניט געגאנגען מיט קיין אבוקות בלילי שבת, "אלא בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת".

**מ.** דער צווייטער אופן ווי מ'קען דאס מבאר זיין - ובהקדם:

אין אנהויב פון דעם (לעצטן) פרק (אין הל' ביהב"ח) זאגט דער רמב"ם: "שמירת המקדש מצות עשה, ואע"פ שאין שם פחד מאויבים ולא מלסטים, שאין שמירתו אלא כבוד לו, איננו דומה פלטרין שיש עליו שומרין לפלטרין שאין עליו שומרין" [דער מקור פון דעם איז פון ספרי].

[און ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון גופא וואס מ'זאגט אז די שמירה איז געווען אין אן אופן אז די כהנים "שומרים מבפנים" און "הלוים מבחוץ" (רמב"ם שם ה"ד), וואס אויב די שמירה וואלט געווען צוליב פחד פון גנבים וגזלנים, וואלט געווען גענוג אז די שמירה זאל זיין מבחוץ, ווי מ'זעט בפשטות אז אין א פלטרין של מלך לאזן ניט צו די שרים וואס זיינען שומר מבחוץ אז מ'זאל אהינצו ארייננגיין, און מ'דארף ניט האבן קיין שמירה בא יעדער חדר בפנים.

און וויבאלד אז מ'זאגט אז די כהנים זיינען געווען שומרים מבפנים, איז פארשטאנדיק אז דאס איז צוליב דער ענין הכבוד].

און בהמשך צו דעם וואס דער רמב"ם זאגט אין אנהויב פרק, אז שמירת המקדש איז נאר צוליב כבוד המקדש, קומט דער גאנצער פרק האחרון פון הל' ביהב"ח וואס רעדט וועגן די פרטים אין שמירת המקדש,

ביז אז מ'קומט צו ז'עם וואס ער זאגט אין סוף פרק אז בסוף כל לילה זיינען די צוויי כתות פון כהנים (מיט די אבוקות בידם) געגאנגען "והיו בודקין והולכין את כל העזרה עד שיגיעו שתי הכתות למקום בית עושי חביתין, הגיעו אלו ואלו אומרין שלום הכל שלום והעמידו עושי חביתין לעשות חביתין".

**מא.** עפ"ז (אז דער הלכה "והיו בודקין והולכין כו'" קומט בהמשך צו דעם וואס דער רמב"ם זאגט אין אנהויב פרק אז שמירת המקדש איז נאר צוליב כבוד המקדש) וועט מען פארשטיין כמה דיוקים אין דער הלכה:

א) פארוואס האט מען בכלל געדארפט בודק זיין **יעדער** טאג אין דעם "מקום בית עושי חביתין" - לכאו' איז גענוג אז מ'האט עס מיט דריי טעג צוריק בודק געווען אדער צוויי טעג צוריק אדער נעכטן בודק געווען, און מ'קען זיך פארלאזן אויף א חזקה אז אויך היינט זיינען די כלים גאנץ?

אפילו אויב מ'האט יעדער טאג חושד געווען טאמער די כלים זיינען ניט גאנץ - האט מען דאך געהאט שנים און שלישים פון יעדער כלי - איז צוליב וואס האט מען דארטן געדארפט בודק זיין בכל לילה ולילה?

ב) וואס איז דא דער לשון אז זיי האבן געזאגט "הכל **שלום**" - זיי האבן געדארפט זאגן "הכל במקומו" וכיו"ב?

ע"פ האמור לעיל אז די הלכה, ווי זיי האבן בודק געווען דעם "מקום בית עושה חביתין", קומט בהמשך צו דאס וואס דער רמב"ם זאגט אין אנהויב פרק אז שמירת המקדש איז נאר צוליב כבוד המקדש, איז דאס פארשטאנדיק:

צוליב וויסן אז די כלים זיינען גאנץ צי ניט - האט מען טאקע ניט געדארפט בודק זיין בכל לילה ולילה; אבער צוליב **כבוד** המקדש האט מען בודק געווען בכל לילה ולילה אויך דעם מקום בית עושי חביתין, ווארום "אינו דומה פלטרין שיש עליו שומרין לפלטרין שאין עליו שומרין".

און דערפאר האבן זיי אויך ניט געזאגט דעם לשון "הכל במקומו" וכיו"ב, נאר זיי האבן געזאגט "הכל שלום" - ווארום די כוונה פון די בדיקה איז ניט געווען צו זען צי די כלים זיינען במקומם, נאר צוליב כבוד המקדש, און צוליב כבוד המקדש איז מתאים זאגן "הכל **שלום**" (?).

**מב.** דערמיט וועט מען פארשטיין נאך א זאך:

די צוויי הלכות אחרונות אין דעם לעצטן פרק פון הל' ביהב"ח, האבן לכאו' קיין שייכות ניט מיט די פריערדיקע הלכות אין דעם פרק, דער רמב"ם האט זיי געדארפט שטעלן במקום אחר?

און ווי מ'זעט עס אויך אין גמ', אז די אלע הלכות אין דעם פרק קומען בהמשך אחד אין גמ' - משא"כ די צוויי הלכות אחרונות זיינען אין אן אנדער ארט אין גמ'.

איז דער ביאור אין דעם פארוואס דער רמב"ם האט אויך די הלכות געשטעלט דא בהמשך צו די אנדערע הלכות אין דעם פרק:

אין גאנץ הל' ביהב"ח ביז דעם פרק אחרון רעדט דער רמב"ם וועגן דעם עצם בנין פון ביהמ"ק, און די ענינים וואס מ'האט געדארפט האבן אין דעם ביהמ"ק;

ערשט נאך דעם וואס דער רמב"ם רעדט וועגן דעם עצם ביהמ"ק, קומט ער צו דעם לעצטן פרק פון הל' ביהב"ח, און דארטן זאגט ער אז ס'איז דא א דבר נוסף צו דעם

עצם ביהמ"ק, דער ענין פון כבוד המקדש, וואס דאס טוט מען אויף דורך שמירת המקדש, "שאין שמירתו אלא כבוד לו כו'".

אבער פאר דערויף וואס דער רמב"ם רעדט וועגן דעם עצם ביהמ"ק קען ער ניט רעדן וועגן כבוד המקדש (וואס קומט דורך שמירת המקדש) - ווארום ס'איז ניט שייך זאגן כבוד אין א זאך אײדער מ'האט דער עצם זאך.

און דערפאר האט דער רמב"ם מסדר געווען אז נאר אין דעם לעצטן פרק פון הל' ביהב"ח (נאך דערויף וואס עס רעדט זיך וועגן דער עצם ביהמ"ק אין די פרקים שלפנ"ז) זאל זיך רעדן וועגן כבוד המקדש וואס קומט דורך שמירת המקדש.

און וויבאלד אז דער ענין וואס מ'איז געגאנגען בודק זיין מקום בית עושי חביתין איז אויך א פרט אין כבוד המקדש, כנ"ל - דערפאר האט דאס דער רמב"ם ארײנגעשטעלט דוקא אין דעם פרק (און ניט במקום אחר) בהמשך צו די הלכות וואס רעדן וועגן כבוד המקדש וואס קומט דורך שמירת המקדש.

**מג.** ע"פ הנ"ל וועט מען אויך פארשטיין די לעצטע הלכה אין הל' ביהב"ח, פארוואס בלילי שבת איז מען ניט געגאנגען מיט די אבוקות צו בודק זיין דעם מקדש, נאר "בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת", כאטש אז "אין שבות במקדש" - ובהקדם:

בנוגע צו דעם נס פך השמן וואס איז געווען בחנוכה, אז "כשנכנסו יוונים להיכל טמאו כל השמנים שבהיכל" און ס'איז געווען א נס וואס מ'האט געפונען "פך אחד של שמן שהי' מונח בחותמו של כהן גדול" (שבת כא, ב) - איז דאך ידוע די שאלה (ראה אנצ' תל' בערכו ע' רמה-רמו, וש"נ):

הדלקת הנרות זײנען דאך דוחה את הטומאה, און ס'איז דאך דא דער כלל אז "קוב"ה לא עביד ניסא למגנא" - איז פארוואס האט מען געדארפט מאכן א נס אז מ'האט געפונען א פך שמן טהור - בשעת מ'האט געקענט אנצינדן די מנורה מיט די שמנים וואס זײנען געווען טמא?!

מפרשים ענטפערן אויף דערויף (נסמן שם); אז היות מ'האט דעמאלט מחנך געווען דעם מזבח מחדש, וואס דער ענין פון חינוך איז - א התחלה וראש לכל הבא לאחריו - דערפאר האט מען דעמאלט געדארפט האבן אז די הדלקה זאל זיין בטהרה גמורה, און ניט אין אן אופן פון "טומאה דחוי'" (ווי דער רמב"ם פסק'נט אז "טומאה דחוי' בציבור" און ניט "הותרה בציבור").

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום חינוך המזבח איז נאר געווען דעם ערשטן טאג (פון חנוכה דעמאלט), און יענעם טאג האט מען טאקע געהאט גענוג שמן טהור פאר די מנורה, ווי די גמ' זאגט אז דער פך אחד של שמן טהור הי' בו להדליק יום אחד.

**מד.** דער ראגאטשאווער (צפע"נ לרמב"ם הל' חנוכה פ"ג ה"ב. ועוד) זאגט אז יעדער טאג פון חנוכה (דעמאלט) האט מען אנגעצונדן א נייע מנורה, על יסוד זה וואס די גמ' (ע"ז מג, סע"א) זאגט אז אין זמן חנוכה איז ניט געווען קיין מנורה, און די חשמונאים האבן געדארפט מאכן א מנורה, און ווי ס'איז משמע פון דעם וואס דער מדרש זאגט "בנס חנוכה מצאו שמונה שפודין של ברזל" - אז יעדער טאג פון חנוכה האט מען אנגעצונדן א נייע מנורה.

וואס עפ"ז איז ניט מספיק אז מ'האט אנגעצונדן דעם ערשטן טאג די מנורה מיט שמן טהור - ווארום יעדער טאג איז געווען א נייע מנורה, האט מען ממילא געדארפט האבן יעדן טאג א חינוך מחדש, האט מען געדארפט האבן שמן טהור יעדן טאג צו אנצינדן די נייע מנורה, און דערפאר האט מען געדארפט האבן א נס.

דאס איז אבער א חידוש גדול צו זאגן, וואס בכחו פון דעם ראגאטשאווער צו מחדש זיין - בפשטות אבער, איז משמע פון גמ' (ע"ז שם) אז גאנץ חנוכה דעמאלט האט

מ'ען געהאט די זעלבע מנורה וואס די השמונאים האבן דעמאלט געבויט, און ערשט מיט משך זמן לאח"ז וועו "העשירו" איז דעמאלט "עשאום של כסף", און ווען "חזרו העשירו עשאום של זהב".

**מה.** איז דער ביאור אין דעם (צוליב וואס מ'האט געדארפט האבן א נס און מ'האט ניט געקענט אנצינדן די מנורה מיט שמן טהור) ווי מפרשים זיינען מבאר (נסמנו שם):

דער מנורה איז געווען עדות אז די שכינה איז שרוי' בישראל, ד.ה. צו ארויסברייגגען חיבתן של ישראל.

האט דאך עס קיין ארט ניט אז מ'זאל ארויסברענגען חיבתן של ישראל דורך אנצינדן די מנורה מיט שמן **טמא**!

ע"פ דין האט מען טאקע געמעגט אנצינדן די מנורה מיט שמן טמא; אבער בשעת מ'רעדט וועגן חיבתן של ישראל - קען מען דאך אהינצו ניט ארייננמישן טומאת עכו"ם!

ווארום אפילו אז די טומאה איז דחוי', איז דאס אבער ניט כרצון ה', במילא קען מען דורך דעם ניט ארויסברייגגען **חיבתן** של ישראל.

**מו.** עד"ז וועט מען פארשטיין בנוגע צו די לעצטע הלכה אין הל' ביהב"ח, אז בליל שבת פלעגט מען ניט גיין בודק זיין מיט אבוקות בידים, אע"פ אז "אין שבות במקדש":

דער גאנצער ענין פון בדיקה און שמירה אין דער מקדש איז דאך נאר צוליב **כבוד** המקדש, "אינו דומה פלטרין שיש עליו שומרין לפלטרין שאין עליו שומרין" - קען מען דאך ניט גיין מכבד זיין דעם ביהמ"ק (און דעם אויבערשטן) דורך טאן אן איסור שבות, וואס איז היפך רצון ה', ווארום כבוד און איסור שבות זיינען צוויי הפכים.

בנוגע צו אנווארעמען א מקוה פאדן כה"ג ביוהכ"פ - איז דאס ניט קיין ענין פון כבוד המקדש, דאס איז אן ענין וואס מ'דארף האבן אין דעם **עצם** עבודת המקדש; עד"ז בנוגע צו דעם אז דער כה"ג זאל ניט נתנמנם זיין בליל יוהכ"פ - איז דאס ניט קיין ענין פון כבוד המקדש, דאס איז אן ענין וואס איז נוגע אין עצם עבודת המקדש -

און דערפאר קען מען אין די פאלן טאן אן ענין של שבות, ווארום "אין שבות במקדש", און דער שבות איז קיין סתירה ניט צו די עבודה.

בנוגע אבער צו אן ענין וואס מ'טוט וואס איז ניט נוגע צו דער עצם מקדש, דאס איז נאר נוגע צו **כבוד** המקדש - איז דעמאלט קען מען ניט גיין מכבד זיין דעם מקדש מיט אן ענין וואס איז פונקט פארקערט ווי כבוד, דער ענין השבות.

וואס דערפאר זאגט דער רמב"ם אז בלילי שבת איז מען ניט געגאנגען בודק זיין און **מכבד** זיין דעם מקדש מיט אבוקות (ווי אין שאר הימים), "אלא בודקין בנרות הדלוקין שם מערב שבת" - ווארום אע"פ אז "אין **שבות** במקדש", אבער צו גיין מכבד זיין דעם ביהמ"ק מיט אן איסור שבות - קען מען ניט, ווייבאלד אז כבוד און איסור שבות, וואס איז היפך רצון ה', זיינען הפכים.

**מז.** אין די פריערדיקע התוועדויות (ד' מנ"א. **ש"פ** דברים, שבת חזון) האט מען אויך מבאר געווען דאס וואס דער רמב"ם רופט אן די הלכות וועגן בית המקדש - הל' בית **הבחירה**, אז דאס איז מדגיש אז דער רמב"ם נעמט אן אז דער אויבערשטער האט

אויסגעקליבן דעם מקום המקדש מצד בחירתו, און ניט אז דער מקום המקדש איז געווען א מקום מסוגל מצ"ע.

און מ'האט מבאר געווען אז דאס איז קיין סתירה ניט צו דעם וואס דער רמב"ם זאגט אין רפ"ב פון הל' ביהב"ח, אז "מסורת ביד הכל שהמקום שבנה בו דוד ושלמה המזבח כו' הוא המקום שבנה בו אברהם המזבח, ועקד עליו יצחק, והוא המקום שבנה בו נח כשיצא מן התיבה, והיא המזבח שהקריב עליו קין והבל, ובו הקריב אדם הראשון כשנברא".

ווארום דאס גופא וואס זיי האבן מקריב געווען במקום זה דוקא, איז ניט דערפאר וואס דער מקום האט א מעלה מצ"ע, נאר דערפאר וואס זיי האבן געוואוסט בנבואה אז דער אויבערשטער וועט שפעטער בוחר זיין במקום זה.

האט מען אויף דערויף געפרעגט:

דער רמב"ם ברייננגט די הלכה אז "מסורת ביד הכל כו'" אלס א טעם אויף דעם וואס עס שטייט אין די פריערדיקע הלכה "המזבח מקומו מכוון ביותר ואין משנין אותו ממקומו לעולם".

אבער לויט דעם ביאור וואס מ'האט גערעדט אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין דעם מקום, און **דערפאר** האט אברהם אבינו, נח, קין והבל, און אדה"ר דארטן מקריב געווען (מצד דעם וואס זיי האבן געוואוסט דערפון בנבואה) -

האט דער רמב"ם געדארפט ברייננגען אלס טעם אויף דעם וואס "המזבח מקומו מכוון ביותר ואין משנין אותו ממקומו לעולם" ניט דאס וואס "מסורת ביד הכל" אז די אלע **בני אדם** האבן אין דעם מקום מקריב געווען - נאר א סאך א גרעסערע זאך וואס איז דא אין דעם מקום, אז דער **אויבערשטער** האט אין דעם מקום בוחר געווען (וואס צוליב דעם האבן בני אדם דארטן אויך מקריב געווען), און **דערפאר** איז "המזבח מקומו מכוון ביותר ואין משנין אותו ממקומו לעולם"?!

און דערפון וואס דער רמב"ם ברייננגט דאס ניט אלס טעם אויף דעם וואס "המזבח מקומו מכוון ביותר כו'", נאר ער ברייננגט דער טעם דערצו פון דעם וואס בני אדם האבן מקריב געווען אין דעם מקום - איז דאס כאילו באמר, אז דאס וואס דער אויבערשטער האט בוחר געווען במקום זה איז נאך ניט קיין טעם מספיק אויף דעם וואס "מקומו מכוון ביותר כו'"; משא"כ דאס וואס אדה"ר וכו' האט מקריב געווען במקום זה (כאטש אז דאס איז נאר א מסובב פון בחירת הקב"ה במקום זה) - איז דאס דוקא דער טעם מספיק אויף דעם וואס "מקומו מכוון ביותר כו'"!

**מח.** איז דער ביאור בזה (אז בא די וואס האבן געפרעגט די שאלה איז אישתמטי' א עיקריות'דיקע נקודה):

בשעת דער אויבערשטער איז בוחר אין א זאך איז ניט מוכרח צו זאגן אז די בחירה איז שולל א צווייטע זאך.

ועד"ז ווי מ'זעט אז ס'איז געווען "**ואבחר** בדוד עבדי", און אעפ"כ האט דאס ניט שולל געווען אז דערנאך זאלן זיין די מלכי ישראל, וואס בא זיי איז טאקע ניטא קיין מלכות נצחית, ווי בא דוד המלך איז דא, אבער אעפ"כ איז בא זיי געווען דער עצם ענין המלכות.

ביז אז בימי דוד איז אויך געווען א מלך אחר.

ועד"ז זאגט אויך די גמ' (הוריות יא, ריש ע"ב) בנוגע צו רבי, אז ר' חייא האט אים געזאגט "הרי צרתיך בבבל", ד.ה. אז עס זיינען דעמאלט געווען צוויי נשיאים, אע"פ וואס נשיא "אין עליו אלא ה' אלקיו".

וואס דערפון זעט מען אז די בחירה פון דעם אויבערשטן איז ניט אלעמאל אין אן אופן אז דאס איז שולל א צווייטע זאך.

**מס.** ועד"ז בנדו"ד:

די בחירה פון דעם אויבערשטן אין מקום המקדש קען מען טייטשן אויף צוויי אופנים: דאס איז א בחירה וואס איז שולל א צווייטער מקום, אדער דאס איז א בחירה וואס איז ניט שולל א צווייטער מקום.

ס'איז אבער ניטא קיין הכרח צו זאגן אז די בחירה פון דעם אויבערשטן איז געווען אין דעם ערשטן אופן, אז דאס איז שולל א צווייטער מקום, ע"ד ווי מ'זעט בנוגע צו דוד, אז ס'איז געווען "ואבחר בדוד עבדי" און אעפ"כ האט דאס ניט שולל געווען אז עס זאלן זיין די מלכי ישראל, כנ"ל.

ובפרט אז מ'זעט בנוגע צום מקום המקדש, אז נאך פאר דערויף איז געווען השראת השכינה אין מקום המשכן אין מדבר, וואס דער מקום האט געהאט די מעלה אז דאס איז געווען בא הר סיני, דערנאך איז געווען דער משכן בגלגל, און דערנאך דער משכן בשילה, וואס דאס איז שוין געווען א "בית של אבנים", און "פרשו יריעות המשכן עליו" (רמב"ם הל' ביהב"ח פ"א ה"ב), ונוסף לזה איז אויך דא דער עילוי אין משכן שילה וואס זי ווערט אנגערופן "נחלה" אדער "מנוחה", ווי די צוויי דעות בזה אין גמ' אין פירוש הכתוב "כי לא באתם עד עתה אל המנוחה ואל הנחלה".

ובפרט אז דער סך-הכל פון אלע יארן וואס ס'איז געווען השראת השכינה אין די אלע משכנות - איז מערער יארן ווי השראת השכינה איז געווען אין בית ראשון.

וואס דערפאר איז נאכמער נוטה צו זאגן אז די בחירה פון דעם אויבערשטן אין מקום המקדש איז ניט שולל א צווייטער מקום.

ובמילא איז קיין הכרח ניט צו זאגן אז וויבאלד דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין מקום המקדש איז "מקומו מכוון ביותר ואין משנין אותו ממקומו לעולם".

משא"כ בשעת מ'זעט אז בני אדם, אברהם, נח, קין והבל און אדה"ר, האבן אויסגעקליבן דוקא דעם מקום צו מקריב זיין קרבנותיהם, און ניט אין מקום המשכן, אע"פ וואס דאס איז געווען בא הר סיני, וואו מ"ת איז געווען, און ניט אין די שאר המקומות וואו עס איז געווען דער משכן - איז דערפון א הוכחה אז די בחירה פון דעם אויבערשטן וועט זיין אין אן אופן אז דאס וועט שולל זיין א צווייטער מקום, ובמילא איז א הוכחה אז "המזבח מקומו מכוון ביותר ואין משנין אותו ממקומו לעולם".

**נ.** און דערפון וואס דער רמב"ם ברייננגט דעם פסוק "**זה** מזבח לעולה לישראל" - איז (אליין) קיין הוכחה ניט אז "המזבח מקומו מכוון ביותר כו'" - וואַרום:

בשעת מ'זאגט "זה" מיינט עס בפשטות דעם **עצם** זאך, און ניט דער **מקום** וואו עס געפינט זיך דער זאך, וואס דער מקום פון דער זאך איז נאר א דבר חיצוני, און ניט א חלק פון דער עצם זאך.

וע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו קידוש החודש "**כזה** ראה וקדש", וואס דער "כזה" גייט דאך אויף דער עצם לבנה, און ניט אויף דער מקום וואו עס געפינט זיך דער לבנה.

ועד"ז בנוגע צו דער מחצית השקל - "**זה** יתנו", "הראה לו כמין מטבע של אש ומשקלה מחצית השקל ואומר לו **כזה** יתנו", וואס דאס גייט אויף דער עצם מחצית

השקל, ועי"ד ווי עס שטייט אויך פאר דערויף בנוגע צו דער מנורה (תרומה כה, מ. ובפרש"י).

ועד"ז בשעת מ'זאגט "זה מזבח לעולה לישראל", וואלט מען בפשטות געטייטשט אז דאס מיינט אז מ'האט באוויזן ווי אזוי עס דארף זיין דער עצם המזבח, און ניט דער מקום וואו דער מזבח דארף זיין.

וואס אויך בנוגע צו דער עצם מזבח זיינען דא כמה פרטים וואס זיינען מדוייק, וואס צוליב דעם איז שייך צו זאגן אז "זה מזבח לעולה לישראל" מיינט אז מ'האט באוויזן די פרטים אין דעם עצם מזבח ווי זיי דארפן פונקט זיין - ווי לדוגמא:

בנוגע צו דער גובה המזבח איז דאס געווען בשוה ביי אלע מזבחות סיי אין דער מזבח וואס משה האט געבויט, סיי אין דער מזבח וואס שלמה האט געבויט, סיי אין דער מזבח וואס די "בני הגולה" האבן געבויט, און סיי אין דער מזבח דלעתיד, ווי דער רמב"ם זאגט (הל' ביהב"ח פ"ב ה"ה); בנוגע אבער צו מדת ארכו ורחבו פון דעם מזבח, איז דא א שינוי פון די מזבחות וואס משה ושלמה האבן געמאכט מיט די מזבח וואס די "בני הגולה" האבן געבויט, און דער מזבח דלעתיד, ס'איז אבער דא איין זאך וואס גלייכט אויס מדת ארכו ורחבו פון די אלע מזבחות - אז בא אלע פון זיי איז ארכו כרחבו.

וואס דערפאר קען מען זאגן אז אין דעם איז באשטאנען דער "זה מזבח לעולה לישראל", אז מ'האט באוויזן אז דער מזבח דארף זיין ארכו כרחבו.

עד"ז איז דא נאך א פרט וואס גלייכט אויס אלע מזבחות, אז "לא תניף עליהם ברזל".

נא. וויבאלד אז מ'האט גערעדט אין דער התחלה און אין דער סיום פון הל' ביהב"ח, און ס'איז געווען דער "מתכיפין התחלה לסיומה" - זאל מען צוקומען צו דער "מתכיפין" פון דעם סיום הגלות צו דער התחלה פון דער גאולה,

צו דעם "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", בקרוב ממש ובעגלא דידן.

* * *

נב. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק מיט פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו פון דעם בעל ההסתלקות, און אויך א ענין אין דעם פרק וואס מ'לערנט דעם שבת, לויט די "יש נוהגין" צו לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ".

אין קאפיטל י' פסוק י"ז שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער פון פסוק "ולא יקח שוחד" און איז מפרש: "לפייסו בממון".

שטעלט זיך גלייך די שאלה: ווי איז שייך זאגן שוחד בא דעם אויבערשטן? און פארוואס באווארנט ניט רש"י די שאלה?

ס'איז קיין שאלה ניט ווי מ'קען בכלל געבן ממון צו דעם אויבערשטן - ווארום מ'האט שוין געלערנט אז דער אויבערשטער האט געזאגט "ויקחו לי תרומה" (תרומה כה, ב), וואס "לי" מיינט "לשמי" (פרש"י שם). ד.ה. דורך דערויף וואס מ'גיט דער ממון אלס א נדבה צו דעם משכן פון דעם אויבערשטן, ועד"ז דורך דערויף וואס מ'גיט צדקה בכלל - איז דאס אזוי ווי מ'גיט די ממון צו דעם אויבערשטן אליין.

במילא איז קיין שאלה ניט ווי מ'קען געבן דעם אויבערשטן ממון;

די שאלה איז נאר ווי איז שייך זאגן אז מ'קען געבן שוחד צו דעם אויבערשטן, ן אים דערמיט "אפקויפן" אז ער זאל ניט מעניש זיין איינעם וואס קומט אן עונש, דער איינשטאט מעניש זיין אים, גיט ער אים א שכר?!

וואס דערפאר זיינען פשטני המקרא (ועד"ז אויך דער רמב"ם אין פירוש המשניות) מפרש, אז שוחד בא דעם אויבערשטן מיינט, אז מ'טוט א מצוה וואס דורך דערויף איז מען גורם א נחת רוח בא דעם אויבערשטן, ע"ד ווי קרבנות בכלל וואס זיינען א "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני", און דורך דערויף וויל מען כביכול "אפקויפן" דעם אויבערשטן.

קומט דער פסוק און זאגט "ולא יקח שוחד" - אז אזא שוחד וועט דער אויבערשטער אויך ניט נעמען.

רש"י אבער טייטשט ניט אזוי אין פסוק, ער טייטשט אז "ולא יקח שוחד" מיינט שוחד פון ממון כפשוטו, "לפייסו בממון" -

דארף מען פארשטיין: פארוואס רש"י טייטשט ניט ווי די אנדערע פשטני המקרא, און ווי וועט רש"י פארענטפערן די שאלה ווי איז שייך דער ענין פון שוחד בא דעם אויבערשטן?

מ'דארף אויך פארשטיין: פארוואס איז רש"י ניט מפרש אז שוחד בא דעם אויבערשטן איז דער ענין התפלה, וואס דער בן חמש למקרא ווייסט אז תפלה פועל'ט בא דעם אויבערשטן?

און די גרעסטע שאלה איז:

פארוואס איז רש"י מעתיק פון פסוק די ווערטער "ולא יקח", און ער איז מפרש אז דאס מיינט "לפייסו (בממון)" - לכאו' איז דאס א דבר הפשוט אז דער "יקח" איז בכדי לפייסו; רש"י האט נאר געדארפט זאגן זיין חידוש, אז "שוחד" דא מיינט "ממון", רש"י האט געדארפט מעתיק זיין פון פסוק נאר דעם ווארט "שוחד" און זאגן "בממון"?

וכפי שיתבאר לקמן.

**נג.** אין די הערות אויפן זהר בפרשתנו, שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' תנח) אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר (ח"ג רעא, א) "ברוך דא רזא דמקורא עילאה מכלא לארקא ולאמשכא ולאנהרא כל בוצינין",

און ער איז מבאר אז די ג' לשונות, "לארקא" "לאמשכא" און "לאנהרא" זיינען פארבונדן מיט ספירת החכמה, וואס חכמה איז דער יו"ד שבשם, "שיש בזה ג' בחי' והוא הג' אותיות יו"ד, י' נקודה, ו' קו, ד' שטח", און דאס זיינען די ג' לשונות "לארקא מי', ולאמשכא מו' כי ו' הוא המשכה, ולאנהרא מד' כי הארת אור הוא בהתפשטות והיינו שטח".

דארף מען פארשטיין:

אין שאר המקומות אין חסידות אין מען מבאר אז אות ה' איז דער ענין פון שטח, און ווי מ'איז מבאר בנוגע צו די ד' אותיות פון שם הוי', אז דער י' איז ספירת החכמה, דער ה' ראשונה איז ספירת הבינה, דער שטח פון ספירת החכמה (פון דעם י'), און דער ו' איז ז"א, און דער ה' אחרונה איז ספירת המלכות, דער שטח פון ז"א (פון דעם ו').

משא"כ דא אין דער הערה, איז ער מבאר אז דער אות ד' איז דער ענין השטח.

און דער טאטע האט דאס ניט מבאר געווען אין די הערות, ווייבאלד אז ער האט זיך פארלאזט אז מ'וועט דאס אליין פארשטיין,

וכפי שלתבאר לקמן.

**נד.** אין דעם פרק פון היינטיקן שבת (פרק ה') קרוב לסופו (און אין דעם סידור פון דעם אלטן רבי'ן איז דאס דער סיום פון דעם פרק), זאגט די משנה "הוא הי' אומר (וואס דאס גייט בפשטות אויף יהודה בן תימא, בהמשך צו דער משנה שלפנ"ז: "יהודה בן תימא אומר כו'") בן חמש למקרא כו'" און ער רעכנט אויס דרגות דורך וועלכע א מענטש גייט דורך במשך ימי חייו, ביז אז ער איז מסיים "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

וכמדובר כמ"פ דער ביאור אין "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" - אז דאס מיינט אז ער האט געענדיקט עבודתו בעולם, שטייט ער דעמאלט למעלה מן העולם, אין אן אופן פון "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס ער איז מסיים דוקא מיט "בן מאה כו'", און ער רעכנט ניט אויס עלטער פאר דעם, כלשון הכתוב (בראשית ו, ג) "והיו ימיו מאה ועשרים שנה", וואס לפי"ז איז ממ"נ: אדער ער האט געדארפט אויסרעכענען (נאך "בן מאה כו'") בן מאה ועשר שנה, און בן מאה ועשרים שנה, אדער ער האט געדארפט נאר אויסרעכענען ביז שמונים שנה, כלשון הכתוב (תהלים צ, י) "ימי שנותינו בהם שבעים שנה ואם בגבורות שמונים שנה"?

ע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק: ווייבאלד אז דוקא א בן מאה קומט צו די דרגא וואס ער האט משלים געווען עבודתו בעולם, וואס דערפאר שטייט ער דעמאלט העכער פאר עולם, "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" - איז שוין ניטא וואס צו רעכענען ווייטער, ווארום עלטער פון בן מאה איז שוין העכער פאר עולם.

**נה.** מ'וועט זיך אפשטעלן אויף דעם וואס דער משנה זאגט "בן חמישים לעצה, בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה".

וואס אין תקוני זהר תיקון כא (נו, א) שטייט "בן חמשים לזקנה" (ניט ווי עס שטייט אין פרקי אבות "בן חמישים לעצה, בן ששים לזקנה"), און ער איז דאס דארטן מקשר מיט דער ענין פון מ"ת, וואס מ"ת איז געווען ביום החמישים (כמ"ש "וספרתם לכם גו' שבע שבתות תמימות גו'" און ביום החמישים איז געווען חגה"ש און מ"ת), און דער ענין פון מ"ת איז פארבונדן מיט דער ענין הזקנה, ווארום "זקן" איז "זה שקנה חכמה", דער ענין פון תורה.

און דערפאר ווען מ'רעדט אין שנים, איז חמישים שנה - דער ענין הזקנה, "בן חמישים לזקנה".

ועד"ז שטייט אויך אין מאורי אור (אות ז', לד) (וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט כתבי האריז"ל): "בן נ' לזקנה בן ס' לשיבה". און אזוי אויך אין סידור האריז"ל (הובא במנ"ח רנז) שטייט אז דער ענין פון "מפני שיבה תקום" איז לבן ששים.

אויף דעם וואס עס שטייט אין מאורי אור שטעלט זיך דער לאיר נתיב (דער מפרש פון מאורי אור) און בלייבט אין א צ"ע ווי דאס שטימט מיט דעם וואס עס שטייט אין אבות אז "בן חמישים לעצה, בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה".

עד"ז אין ביאורי הגר"א אויף תקו"ז זאגט ער אז דער תקו"ז איז "פליג" אויף דעם וואס עס שטייט אין אבות,

[וואס דאס איז בכלל א פלא צו זאגן פליג סתם, און גארניט אויסטייטשן].

וואס די סתירה (צווישן דאס וואס עס שטייט אין אבות מיט דעם וואס עס שטייט אין תקו"ז וכו') דארף מען משווה זיין.

ובפרט אז דער אלטער רבי בסידורו איז גורס אזוי ("בן חמישים לעצה, בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה"), און ס'איז בכלל ניטא קיין צווייטע גירסא אין דער משנה, און דער אלטער רבי באווארנט ניט אין קיין ארט ווי דאס שטימט מיט דעם תקו"ז.

ובפרט אז "בן שבעים לשיבה" ברייננגט זיך אויך אלס א פס"ד להלכה (שו"ע יו"ד סרמ"ד ס"א), אז "מצוה לקום מפני שיבה דהיינו בן שבעים שנה".

וואס עפ"ז ווערט די שאלה נאך גרעסער ווי דאס שטימט מיט דעם וואס עס שטייט אין תקו"ז און אין מאו"א אז "בן חמישים לזקנה" און "בן ששים לשיבה".

וכפי שיתבאר לקמן.

**נו.** די משנה אין פרקי אבות האט אויך א שייכות מיט די קינדער:

די משנה הויבט זיך אן מיט "בן חמש למקרא" און איז מסיים מיט "בן מאה כו'", און ע"פ דער כלל הידוע אז "נעוץ תחילתן בסופן וסופן בתחילתן" האט מען דערפון כמה הוראות:

מ'מאנט דאך אז עס זאל זיין "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", אז קינדער זאלן פועל'ן אויף עלטערע מענטשן אז זיי זאלן טאן אין תומ"צ וכו',

ווערט אויף דערויף א שטורעם'דיקע שאלה: וואס הייסט אז א קינד א "בן חמש למקרא" גייט הייסן אן עלטערן פאר אים, א "בן עשר שנים למשנה", א "בן שלש עשרה למצוות" ביז צו א "בן מאה", ווי ער דארף זיך פירן; ער איז דאך א קינד פון חמש שנים דארף ער דאך האבן דרך ארץ פאר אן עלטערען פון אים?!

האט מען דער תירוץ אויף דעם פון די משנה:

יענער איז ניט קיין אלטער איד, א בן מאה, אויב ער איז פריער ניט געווען א "בן חמש שנים למקרא", און א "בן עשר שנים למשנה" און א "בן שלש עשרה למצוות" וכו', דורכגיין די אלע דרגות וועלכע עס ווערט אויסגערעכנט אין משנה.

ניט נאר וואס ער אליין דארף דורכגיין די אלע דרגות, נאר עס דארף אויך זיין "ולמדתם אותם את בניכם גו'" (ווי עס שטייט בפרשתנו) - ער דארף אויך מאכן זיכער אז זיינע קינדער וועלן דורכגיין די אלע דרגות, ווארום "עובר ירך אמו הוא" און "ברא כרעא דאבוה", אויב עס פעלט אין "עובר" פעלט אין "אמו", און אויב עס פעלט אין "כרעא" פעלט אין "אבוה".

און אויב יענער איז ניט דורכגעגאנגען די אלע דרגות, "בן חמש שנים למקרא וכו'", אדער ער האט ניט גע'פועל'ט אז אויך זיינע קינדער זאלן דורכגיין די דרגות - איז ער ניט קיין בן מאה,

און דערפאר קען מיט אים אויך א בן חמש למקרא רעדן און זאגן אז ער זאל טאן אין תומ"צ וכו'.

**נז.** עד"ז איז דא דער "נעוץ תחילתן בסופן" פון "בן חמש שנים למקרא" מיט "בן מאה כו'":

א בן חמש דארף בא זיך כסדר מאנען און מיט זיך אליין טאן אז ער זאל שפעטער אויסוואקסן צו זיין א "בן מאה", וואס דאס איז דוקא דורך דערויף וואס ער גייט דורך אלע דרגות - אז ווען ער ווערט א "בן עשר שנים" דארף ער זיין א "בן עשר שנים למשנה", ווען ער ווערט "בן שלש עשרה" דארף ער זיין א "בן שלש עשרה למצוות", און אזוי וואקסט ער משנה לשנה און ווערט נתעלה מדרגא לדרגא, ביז אז ער ווערט א "בן מאה כו'".

נוסף לזה איז פאר דעם בן חמש למקרא אויך דער הוראה - אז ער דארף האבן צו טאן מיט יעדער איד און אז ער דארף דאס ממלא זיין בפועל ממש:

צו א בן עשר שנה דארף ער זאגן אז ער זאל זיין א "בן עשר שנה למשנה", צו א בן שלש עשרה דארף ער זאגן אז ער דארף זיין א "בן שלש עשרה למצוות", און אזוי ווייטער.

נח. שטעלט זיך די שאלה: אויב דער בן חמש וועט קומען צו א בן עשר און אים זאגן אז ער דארף זיין א "בן עשר למשנה", און צו א בן שלש עשרה אז ער דארף זיין א "בן שלש עשרה למצוות" וכו' - וועלן זיי ביי אים פרעגן: דו זאגסט מיר אז איך זאל זיין א "בן עשר למשנה" און א "בן שלש עשרה למצוות" וכו' - צי דען ווייסטו וואס עס שטייט אין משנה, אדער וואס די דינים זיינען בנוגע לקיום המצוות?!

דארף מען וויסן אז די טענה קומט פון דעם "קלוגינקן" נאר דער קלוגינקער ווייסט אז אויב ער וועט קומען צו דעם קינד און אים זאגן אז ער זאל בכלל ניט טאן אין תומ"צ - וועט דער קינד פון אים אנטלויפן (ניט נאר אוועקגיין, נאר אנטלויפן);

וואס דערפאר קומט ער צו אים אנגעטאן אין א איצטלא פון דרך ארץ - אז ווי קען ער גיין רעדן מיט איינער וואס איז עלטער פון אים וועגן תומ"צ, ובפרט אז ער ווייסט אליין ניט די אלע פרטים שבזה, ער ווייסט ניט משניות, ער ווייסט ניט די דינים וכו'?!

און אויב יענער מיט ווֶעמען דער בן חמש למקרא גייט רעדן, פרעגט ביי אים: צי דען ווייסט דו וואס עס שטייט אין משניות וועגן וועלכע דו רעדסט מיט מיר אז איך זאל דאס לערנען -

דארף דער בן חמש למקרא אים ענטפערן: איך וויים טאקע ניט וואס דארטן שטייט, אבער דו דארפסט וויסן וואס דארטן שטייט, וויבאלד אז דו ביסט א "בן עשר למשנה"!

און אזוי אויך מיט די אלע אנדערע וועלכע דער משנה רעכנט אויס - איז גענוג אז דער בן חמש למקרא ווייסט אז ס'איז דא אזא ענין אויף גיין מאנען בא יענעם אז ער זאל אויספירן תפקידו.

און ער דארף פון אים מאנען און זאגן, אז מיט א מעשה אחד, א דיבור אחד, אדער א מחשבה אחת, קען ער מכריע זיין עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, און ברייננגען ישועה והצלה פאר אלעמען.

און במילא - מאנט פון אים דער בן חמש למקרא - האב רחמנות אויף זיך, האב רחמנות אויף מיר (דער בן חמש למקרא) און האב רחמנות אויף כלל ישראל - און טו נאך איין מעשה טוב, נאך איין דיבור טוב, נאך איין מחשבה טובה!

ונוסף לזה מאנט ער פון אים אז ער זאל אויך טאן אין מחנך זיין דעם קינד.

און ס'איז זעלבסטפארשטענדליך אז די אלע תביעות וואס דער בן חמש למקרא מאנט בא עלטערע, דארף ער במיוחד מאנען בא זיינע עלטערן, און בא זיינע באבע'ס און זיידעס.

און כמובן דאס דארף זיין מיט כיבוד אב ואם, וואס דאס איז דאך א מצוה שכלית, כמבואר אין ספרי טעמי המצוות, אז וויבאלד זיינע עלטערן האבן אים אזויפיל טובות און גוטס געטאן, איז מצד הכרת טובה דארף דער קינד זיי מכבד זיין, ועד"ז בנוגע צו כבוד זקנו [וואס דאס איז דאך מדרבנן, אדער אפילו מדרבנן אויך ניט].

**נס.** די הוראה האמורה לעיל איז בעיקר בנוגע צו א בן חמש כפשוטו בשנים; דאס איז אבער אויך כולל א בן חמש בידיעות, און א בן חמש בהרגש.

וואס דער ענין פון א בן חמש בהרגש איז, אז ער הערט וואס מ'רעדט, און עס ליגט זיך ביי אים אז דאס איז א אמת'ע זאך און א ריכטיקע זאך און א געשמאקע זאך, און בשעת מ'איז מבאר א רמב"ם פארשטייט ער דאס, און ס'איז ביי אים געשמאק, מיט אלע גוטע זאכן, און ער חזר'ט איבער וואס מ'רעדט, און ער פארצייכנט דאס, און לייגט דאס אויפן פאליצע, און בארגט עס צו קליינעם ניט טאמער עס וועט זיך צורייסן.

אבער צי דען מיינט מען אים מיט דעם רעדן - דאס ניט! ווארום ער איז א בן חמש בהרגש, ער שפילט זיך מיט זיינע שטותים (אפילו ניט דברי רשות, נאר שטותים), וואס דעמאלט איז ער א בן חמש **למקרא** אויך ניט!

דארף ער וויסן אז מ'מיינט אויך **אים**! אז ער זאל טאן אין די אלע ענינים המדוברים לעיל.

**ס.** בהמשך לזה וואס די קינדער האבן פריער געזאגט לחיים - זאלן זיי זאגן נאכאמאל לחיים, וועט עס זיין "כפלים לתושי'".

און זיי זאלן אויך זינגען א ניגון שמח.

און דער עיקר - אז מ'זאל זיי מסביר זיין, אז עס דארף זיין "והשיב לב אבות על בנים", זיי דארפן פועל'ן אויף זייערע עלטערן, און אויף זייערע זיידעס און באבעס, און אויף ערוואקסענע אידן בכלל, און אויך פועל'ן אויף זייערע עלטערן אז די עלטערן זאלן פועל זיין נאכמער אויף די קינדער אין אלע עניני תומ"צ.

און אלע צוזאמען, די קינדער, די עלטערן, די מוטערס מיט די פאטערס, די זיידעס מיט די באבעס, און כל עם ישראל, וואס כל ישראל קרובים הם - וועלן גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

**סא.** דער ביאור אין פירוש רש"י וועט מען פארשטיין ע"פ המדובר כמ"פ, אז רש"י לערנט דעם פסוק ע"פ פשוטו של מקרא:

"ולא יקח שוחד" קומט גלייך נאכדעם וואס עס שטייט אין דעם פסוק אז דער אויבערשטער איז "לא ישא פנים".

וואס דער באווארעניש אז דער אויבערשטער איז "לא ישא פנים" איז דאך ניט אז וויבאלד יענער האט שיינע קליידער, אדער א סאך געלט, אדער גרויסע הייזער, איז דא א הו"א אז דער אויבערשטער וועט נושא פנים זיין צו אים, באווארנט דער פסוק אז "לא ישא פנים" -

ווארום ס'איז דאך פארשטאנדיק אז ס'איז ניטא קיין הו"א צו זאגן אז וויבאלד אלינער האט שיינע קליידער וכיו"ב, זאל דער אויבערשטער נושא פנים זיין צו אים!

נאר דער פירוש אין דעם איז בפשטות, אז וויבאלד יענער טוט גוטע זאכן, ער טוט מצוות וכיו"ב, וואס דערפון האט דער אויבערשטער נח"ר, וואלט געווען א הו"א אז אפשר קען דאס גורם זיין אז דער אויבערשטער זאל נושא פנים זיין צו דעם וואס טוט די מצוות - באווארנט דער פסוק אז "לא ישא פנים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס דער פסוק באווארנט דערנאך אז "לא יקח שוחד" מיינט עס ניט אז דער אויבערשטער נעמט ניט אן ענין פון מצוות אלס שוחד (ווי די פשטני המקרא לערנען) - ווארום דאס קומט דאך באווארענען "לא ישא פנים", אז דער אויבערשטער איז ניט נושא פנים צו איינעם דערפאר וואס ער איז מקיים מצוות (כנ"ל).

וואס נשיאת פנים איז וויינקער ווי נעמען שוחד: דער ענין פון שוחד איז, אז ראובן קומט שמעון עפעס, און דורך שוחד פועל'ט מען אויף דעם דיין אז ער זאל זאגן אז ראובן קומט עס ניט צו שמעון, אדער אז שמעון קומט גאר ראובן עפעס; עד"ז אויב עס קומט איינעם ע"פ דין א עונש, טוט אויף דער ענין השוחד אז מ'זאל פון אים אראפנעמען דעם עונש, אדער אים געבן גאר א שכר; משא"כ דער ענין פון נשיאת פנים איז מערניט אז ער איז א ביסל מוותר פאר יענעם.

איז מה-דאך אז דורך דערויף וואס איינער טוט א מצוה זאגט דער פסוק אז "לא ישא פנים", אז דער אויבערשטער וועט אפילו ניט נושא פנים זיין צו אים - איז עאכו"כ אז "לא יקח שוחד", אז דורך דערויף קען ער ניט משחד זיין דעם אויבערשטן.

סב. וואס דערפאר קען רש"י ניט טייטשן (ווי די פשטני המקרא טייטשן) אז "לא יקח שוחד" מיינט אז דער אויבערשטער ווערט ניט משוחד דערפון וואס מ'וועט טאן זיינער א מצוה.

מוז רש"י געפינען א צווייטער טייטש אין "לא יקח שוחד", און א טייטש וואס איז מוסיף נאך אן ענין אויף "לא ישא פנים" וואס שטייט פאר דערויף.

וואס דערפאר קען "שוחד" דא ניט מיינען שוחד כפשוטו, ווי עס מיינט אין אנדערע ערטער, אז דאס איז "יעור פקחים גו'" (משפטים כג, ח) און איז משנה דעם דין ווי עס דארף זיין - ווארום נוסף לזה וואס דא רעדט זיך וועגן דעם אויבערשטן וואס אויף אים איז ניט שייך זאגן אזא מין שוחד ח"ו, וואס צוליב דעם דארף מען שולל זיין אז "לא יקח שוחד" - איז אויך אז וויבאלד דאס קומט בהמשך צו "לא ישא פנים", מוז מען דאך זאגן אז דאס איז מוסיף א דבר חדש אויף "לא ישא פנים",

אויב מ'וועט אבער זאגן אז "לא יקח שוחד" מיינט אז ער נעמט ניט קיין שוחד כפשוטו - איז מאי קמ"ל: מה-דאך אז "לא ישא פנים" אפילו אז מ'טוט א מצוה, וואס נושא פנים זיין איז וויינקער ווי לקיחת שוחד, איז עאכו"כ אז "לא יקח שוחד", כנ"ל.

סג. זאגט רש"י אז דא מיינט "לא יקח שוחד" טאקע ניט שוחד כפשוטו, נאר "לפייסו בממון":

בנוגע צו דעם ווארט "שוחד" טייטשט דאס רש"י "ממון" ווי דער טייטש אין דעם איז ברוב המקומות, אין דעם באשטייט אבער ניט דער חידוש פון רש"י;

דער חידוש פון רש"י איז אז דא שטייט אין פסוק די ווערטער "לא יקח", וואס דערפון נעמט ארויס רש"י אז די כוונה פון דעם שוחד דא איז ניט שוחד כפשוטו, נאר

"לפליסו בממון", און דער פסוק איז דאס שולל און זאגט אז אויך דאס קען מען ניט אויפטאן בא דעם אויבערשטן, וואָרום "לא יקח שוחד".

והביאור בזה:

בנוגע צו א "מכה נפש בשגגה" וואס ער דארף אנטלויפן אין עיר מקלט שטייט פריער אין פ' מסעי (לה, לא-לב) אז "ולא תקחו כופר לנפש רוצח", און רש"י טייטשט אפ "לא יפטר בממון", ד.ה. אויב דער מכה נפש בשגגה וויל פארבייטן זיין עונש מיט אפצאלן געלט צו די וואס זיינען געשעדיגט געווארן, לדוגמא - ווי איינער וואס צאלט אפ דער נזק, צער, ריפוי, שבת און בושת וואס ער האט גורם געווען - זאגט דער פסוק "ולא תקחו כופר", אז ער קען דאס ניט טאן, נאר ער דארף בלייבן אין עיר מקלט, אדער גיין אין ב"ד.

עד"ז איז רש"י מדייק אין אונזער פסוק (פארלאזנדיק זיך אז מ'געדענקט וואס מ'האט געלערנט אין פ' מסעי), אז "לא יקח שוחד" מיינט ע"ד ווי "ולא תקחו כופר" (ניט אז ער וויל משחד זיין דעם אויבערשטן כפשוטו, אז ער זאל אים מוחל זיין אויף דעם עונש וואס עס קומט אים, אדער פארבייטן דעם עונש מיט א שכר, נאר) אז ער וויל דעם אויבערשטן "מפייס" זיין בממון, ער וויל פארבייטן דעם עונש מיט ממון, און דערמיט מפייס זיין דעם אויבערשטן אז ער זאל אראפנעמען דעם עונש, ע"ד ווי דער מכה נפש (אין פ' מסעי) וויל געבן כופר און דערמיט פארבייטן זיין עונש אויף ממון, ד.ה. אז אזוי ווי דער אויבערשטער איז "הא-ל הגדול הגבור והנורא" (ווי עס שטייט פריער אין אונזער פסוק), וויל ער מפייס זיין דעם אויבערשטן מיט ממון און דערמיט אראפנעמען דעם "והנורא" -

זאגט דער פסוק אז "לא יקח שוחד": אפילו אזא מין "שוחד", וואס מ'וויל פארבייטן דעם עונש מיט ממון און דורך דערויף מפייס זיין דעם אויבערשטן אז ער זאל אים מוחל זיין אויף דעם עונש - נעמט אויך ניט דער אויבערשטער.

**סד.** בהמשך להנזכר לעיל וועגן ב"ד און סנהדרין איז כאן המקום צו מבאר זיין דאס וואס מ'האט ניט מבאר געווען (בשיחת ש"פ דברים, שבת חזון) אין דעם פירוש רש"י אין פ' דברים אויפן פסוק (א, ו) "רב לכם שבת בהר הזה".

וואס רש"י שטעלט זיך אויף די ווערטער פון פסוק און זאגט (אין דעם צווייטן פירוש): "הרבה גדולה לכם ושכר על ישיבתכם בהר הזה, עשיתם משכן מנורה וכלים, קבלתם תורה, מניתם לכם סנהדרין שרי אלפים ושרי מאות".

האט מען נאך ניט מבאר געווען פארוואס זאגט רש"י נאר "שרי אלפים ושרי מאות": אין פסוק (יתרו יח, כא) שטייט אויך "שרי חמישים ושרי עשרות" - האט רש"י אדער געדארפט אויסרעכענען אלע פיר סוגים, "שרי אלפים שרי מאות שרי חמישים ושרי עשרות", ווי עס ווערט טאקע אויסגערעכנט אין ספרי דא, אדער ער האט געדארפט זאגן "שרי אלפים **וגו'**"?

**סה.** איז דער ביאור בזה - ובהקדם:

אין דעם פסוק שלפנ"ז דארטן איז רש"י מבאר דאס וואס עס שטייט "הואיל משה באר את התורה" - "בשבעים לשון פירשה להם".

ולכאו' צריך להבין: אויב עס דארף זיין "בשבעים לשון פירשה להם" - האט ער דאך דאס געדארפט טאן גלייך נאך מתן תורה?

נאר די הסברה בזה איז מובן בפשטות: נאך מ"ת האבן אידן ניט געדארפט האבן דעם פירוש פון תורה "בשבעים לשון"; נאר פאר זייער אריינגיין אין ארץ ישראל וואו עס זיינען געווען די "ז' אומות", וואס הגם עס דארף זיין "לא תחי' כל נשמה", זיינען דאך געווען עבדים ביי אידן פון אנדערע פעלקער וכו' - ובמילא האט

משה זיך געדארפט מפרש זיין די תורה, פארן ארייננגיין אין א"י, בשבעים לשון.
(לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ ראה, מבה"ח אלול).

**סו.** לפי זה איז מובן אויך בפירש"י דידן:

רש"י רעכנט אויס די זאכן וואס האבנדיק זיי (בשעת "ה' אלקינו דבר אלינו בחורב לאמר רב לכם שבת בהר הזה") זיינען אידן געווארן גרייט צו ארייננגיין אין א"י; ד.ה. די זאכן וואס אידן האבן מיטגענומען מיט זיך אין א"י. ווארום אידן זיינען דאך דעמאלט געווען אין א מצב אז פאר דריי טעג (אדער פאר עלף טעג) האבן זיי געקאנט שוין אנקומען אין ארץ ישראל; במילא האבן זיי געדארפט האבן גרייט אלע זאכן וואס מען דארף האבן כדי קענען ארייננגיין אין א"י.

דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י זאגט "קבלתם תורה", און ברייננגט ניט דעם עילוי גדול וואס דער פסוק זאגט שפעטער "השמע עם קול אלקים מדבר מתוך האש כאשר שמעת אתה ויחי" (וואס הגם דער בן חמש האט דאס נאך ניט געלערנט, וועט ער אבער פרעגן ווען ער וועט קומען צו דעם פסוק - פארוואס האט דאס רש"י פריער ניט דערמאנט):

ער ענין פון "שמע עם קול אלקים" איז טאקע א גרויסער ענין, דאס איז אבער נאר א פעולה חד פעמית, דאס איז ניט נוגע צו דער כניסה לארץ; צו דער כניסה לארץ איז נוגע דאס וואס "קבלתם התורה" - ווארום אין דער תורה שטייט ווי עס דארף זיין די הנהגה זייענדיק אין א"י.

דערמיט וועט מען אויך פארשטיין וואס רש"י זאגט "מניתם לכם סנהדרין" - ווארום ווען מ'גייט ארייַן אין ארץ ישראל, דארף מען דאך האבן אימיצן וואס זאל אנפירן מיט אידן וכו'.

לויט דעם ווערט פארשטאנדיק פארוואס רש"י ברייננגט נאר "שרי אלפים ושרי עשרות":

א בן חמש למקרא ווייס די מציאות במקומו ובזמנו, אז א שטאט האט (לכה"פ) מאה אנשים; און יעדער שטאט האט א שר העיר, עאכו"כ אלף איש דארפן האבן א שר.

[ובנוגע צו א עיר הנדחת - איז א מחלוקת אין גמ', אבער בפשטות ווייס א בן חמש אז א עיר האט הונדערט מענטשן], [עס קען זיין א כפר וואס האט מערער פון מאה איש - אבער דער כפר איז טפל צו דער עיר הסמוכה לו, וכידוע אז בני הכפרים זיינען מספק מזון לאחיהם שבעיר].

במילא איז פארשטאנדיק אז פארן ארייננגיין אין א"י, וואו אידן האבן זיך באזעצט אין שטאט וכו' - האבן זיי געדארפט האבן שרי מאות און שרי אלפים.

רש"י קען אבער ניט ברייננגען די "שרי עשרות ושרי חמישים", ווייל דער בן חמש ווייס אז ניט יעדער עשרה איש אדער חמישים איש דארפן האבן א שר אויף זיך.

זייענדיק אין מדבר, וואו אידן האבן געפירט מלחמות וכו' - דארף מען האבן אויך שרי עשרות און שרי חמישים, ווי מ'זעט בפועל אז ביי א מלחמה דארף מען האבן מערער שרים וכו' - אבער דא רעדט זיך דאך, כאמור, וועגן דעם זיין גרייט צו ארייננגיין אין א"י על מנת צו באזעצן זיך דארטן, און אויף דעם דארף מען בלויז שרי מאות און שרי אלפים.

**סז.** דער ביאור בדרך אפשר פארוואס אין דער הערה אויפן זהר זאגט ער אז דער אות ד' איז דער ענין השטח, משא"כ אין שאר המקומות אין חסידות איז מען מבאר אז דער אות ה' איז דער ענין השטח - ליגט אין דעם וואס דא אין זהר שטייט אז די המשכה

איז אין אן אופן פון "לארקא" ("ברוך הוא דא רזא דמקורא עילאה מכלא **לארקא** ולאמשכא ולאנהרא כל בוצינין"):

דער צ"צ איז מבאר אין ביאורי הזהר (אין פרשתנו), מיוסד אויף ביאורי הזהר פון דעם מיטעלן רבי'ן, אז דער לשון "לארקא" איז ווי עס שטייט "שמן **תורק** שמך", וואס דאס איז "כמו שמריק מכלי אל כלי שנמשך כל עצם הדבר".

וכמבואר אין חסידות בנוגע צו דער חילוק פון עבודת האבות פאר מ"ת וואס איז געווען אין אן אופן פון "ריחות היו", משא"כ נאך מ"ת איז די עבודה אין אן אופן פון "שמן תורק שמך", אז די עבודה איז כמריק מכלי אל כלי, אזוי ווי דער ענין שטייט למעלה אזוי קומט עס אראפ למטה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויך אין אונזער זהר וואו ער נוצט דעם לשון "לארקא" רעדט זיך וועגן א המשכה אין אן אופן פון "מריק מכלי אל כלי", אז עס ווערט נמשך למטה דער עצם הדבר ווי ער שטייט למעלה.

**סח.** דערמיט וועט מען פארשטיין וואס ער איז מבאר אין דער הערה אויפן זהר אז די דריי לשונות "לארקא" "ולאמשכא" און "ולאנהרא" זיינען כנגד די דריי אותיות, י', ו' און ד', נקודה, קו און שטח, און פארוואס דוקא דער אות ד' (און ניט דער אות ה') איז שטח:

וויבאלד אז די המשכה דארף זיין אין אן אופן פון "לארקא", אז עס זאל נמשך ווערן למטה דער עצם הדבר ווי ער שטייט למעלה - דארף פון דעם י' אליין (וואס דער י' איז כנגד "לארקא") גלייך נמשך ווערן למטה, וואס דערפאר דארף גלייך נאך דעם י' קומען א ו' ("לאמשכא"), וואס דער ו' איז א קו, דער ענין ההמשכה, און וויבאלד אז דער ו' קומט גלייך נאך דעם י' איז דאס ממשיך דער י' כמו שהוא.

משא"כ ווי המשכה שטעלט זיך אויס אין די ד' אותיות פון שם הוי', איז דער ערשטער זאך דא דער י', אבער גלייך נאך דער י' קומט (ניט דער ו', נאר) דער ה' (ראשונה), וואס דער ה' איז דער ענין השטח והתפשטות, ובמילא קומט אויס אז פון דער י' איז געווארן א ה', א שטח, און דערנאך איז דער ו' (וואס קומט נאך דעם ה' און ניט נאך דעם י') ממשיך ניט דעם י' כמו שהוא, נאר דעם (י' ווי דאס איז געווארן א) ה', וואס דער ה' האט משנה געווען דער י'.

און דערפאר איז אויך דערנאך ווען דער ו' ווערט נמשך למטה, קומט עס ארויס אין א ה' (דער ה' אחרונה), וואס דער ה' האט א רגל השמאלי וואס איז נפסק פון די אנדערע צוויי קוין, דער ענין פון "אף עשיתיו", דער עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו - ווארום וויבאלד אז עס ווערט ניט נמשך למטה דער עצם הדבר ווי ער שטייט למעלה (ווארום דער ו' האט ממשיך געווען דעם ה' און ניט דעם י' כמו שהוא), דערפאר קען דערפון ווערן עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

משא"כ ווען די המשכה איז אין אן אופן פון "לארקא", וואס דעמאלט איז דער ו' ממשיך דעם י' אליין (דער ו' קומט נאך דעם י') - איז דעמאלט ווען עס ווערט נמשך למטה און עס ווערט דערפון שטח - איז דער שטח אן אות ד', און ניט קיין ה', וואס א ד' האט ניט דער רגל השמאלי, דער ענין פון עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

ווארום וויבאלד אז דער עצם י' איז נמשך געווארן אין דעם ו', קען דאס ניט אראפקומען למטה אין א תחתון שאין תחתון למטה ממנו ווי ער שטייט במקומו, וויבאלד אז די המשכה איז אור, עצם, און חכמה.

**סט.** די צוויי אופני המשכות פון דעם י', פון חכמה, קען מען אויך פארבינדן דערמיט וואס אין נקודת החכמה זיינען פאראן צוויי אופני נקודות:

עס איז דא דער נקודת התמצית וואס קומט נאך דער שטח וההתפשטות פון התבוננות;

און עס איז דא דער נקודת השכל פאר דער שטח וההתפשטות פון התבוננות.

**ע.** אין דעם זהר הנ"ל (אויף וועלכע דער טאטע שטעלט זיך אין זיינע הערות) רעדט זיך בארוכה וועגן דעם ענין הברכות, בקשר דערמיט וואס אין פרשתנו (פ' עקב) רעדט זיך וועגן ברכות, און דער זהר ווערט נתבאר בארוכה אין ביאורי הזהר פון דעם מיטעלן רבי'ן און פון דעם צ"צ.

איינע פון די ענינים וועלכע דער זהר איז מבאר איז דער חילוק צווישן ברכת המצוות און ברכת הנהנין מיט ברכות דצלותא (ברכת התפלה), אז ברכת המצוות און ברכת הנהנין איז ענינם "לאתערא מעילא לתתא" [וואס אויף דערויף איז דער זהר מבאר אז "ברוך דא רזא דמקורא עילאה מכלא לארקא ולאמשכא ולאנהרא כל בוצינין", ווי געדעדט פריער אין דעם], משא"כ ברכות דצלותא איז ענינם "תיקונא דמאריהון מתתא לעילא כו'".

און אין ביאורי הזהר (פון דעם מיטעלן רבי'ן און פון דעם צ"צ) איז ער דאס מבאר בארוכה:

מצוות זיינען בהתלבשות אין דברים גשמיים, תפילין בקלף גשמי, ציצית בצמר גשמי, וואס דאס איז דער ענין פון המשכה מעילא לתתא, ועד"ז בנוגע צו ברכת הנהנין - און דערפאר איז דער ענין פון ברכת המצוות און ברכת הנהנין "לאתערא מעילא לתתא", המשכה מלמעלמ"ט.

משא"כ תפלה איז ענינה העלאה מלמטלמ"ע, "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה", ווארום בשעת התפלה ווערט דער אדם נתעלה און ער גייט ארויס פון גשמיות העולם, וואס דערפאר איז דער ענין פון ברכות דצלותא "מתתא לעילא", העלאה מלמטלמ"ע.

און מ'איז מבאר (אין בה"ז) אז ברכת המצוות און ברה"נ איז דער ענין פון יסוד אבא, און ברכות דצלותא איז דער ענין פון יסוד ז"א.

ואע"פ אז תפלה איז לכאו' א סאך העכער ווי מצוות, כידוע אז אין תפלה איז דא דער ענין פון "ויהי רצון", תפלה קען אויפטאן שינוי הרצון, ווארום תפלה דערגרייכט אין עצמות, וואס דאס איז העכער סיי פון יסוד ז"א און סיי פון יסוד אבא - איז אבער די כוונה דוקא דער ענין פון המשכה מלמעלמ"ט אין עוה"ז הגשמי, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דוקא דורך מצוות, ווארום מצוות זיינען דוקא מיט דברים גשמיים.

משא"כ דער ענין התפלה איז העלאה מתתא לעילא, און דאס איז ניט פארבונדן מיט דברים גשמיים, ואדרבה - מ'זעט א דבר פלא בנוגע צו דער ענין התפלה, אז עס טאר ניט זיין קיינע ענינים גשמיים קודם התפלה, ניט קיין אכילה ושתי', ניט טאן צרכיו וכו'.

ווארום בשעת ער דאוונט דארף ער זיין אויסגעטאן פון וועלט, און ווי ער זאגט דער לשון אין ביאורי הזהר (לאהאמ"צ שם קיט, ד) אז (אפילו) די ח"י ברכאן דצלותא (שמו"ע) וואס רעדן וועגן דברים גשמיים, האט מען מתקן געווען "בשביל המשכת יחודים עליונים".

דוקא מצוות ועד"ז דער ענין פון ברכת הנהנין, טוען אויף דער יחוד דא למטה אין עוה"ז הגשמי, וכמבואר אין אגה"ק סימן כ', וואס דער אלטער רבי האט געשריבן "בימים לפני הסתלקותו בכפר פיענא".

וואס דערפאר זיינען ברכת המצוות און ברכת הנהנין א העכערע דרגא ווי ברכות דצלותא, וכמבואר אין ביאורי הזהר בפרטיות ובארוכה.

**עא.** דרך אגב:

ע"פ טעות מ'האט זיך ניט געכאפט האט מען אפגעדרוקט דעם זעלבן מאמר אין ביאורי הזהר פון דעם צ"צ און אין אוה"ת פרשתנו.

ס'איז דאך אבער פארט בעסער צו אפדרוקן דאס צוויי מאל ווי ניט אפדרוקן דאס אפילו איין מאל.

און דערפון האט מען אויך א הוראה בנוגע צו לימוד התורה: ס'איז בעסער צו לערנען די זעלבע זאך צוויי מאל איידער ניט לערנען דאס אפילו איין מאל.

**עב.** ויה"ר אז בקרוב ממש זאל קומען דער גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמאלט וועט זיין דער אמת'ער ברכת הנהנין, וויבאלד אז דער אמת'ער הנאה וועט ערשט זיין לע"ל, "אז ימלא שחוק פינו".

און דעמאלט וועט אויך זיין דער שלימות פון ברכת המצוות, ווארום דעמאלט וועט זיין "כמצות רצונך", דער שלימות פון קיום המצוות, ובמילא וועט אויך זיין דער שלימות פון אלע אנדערע ענינים,

ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו הבנה אין תורה, אז בשעת עס קומט צו הבנה אין תורה אין איין ענין, קומט צו אין די הבנה פון גאנץ תורה, וכמבואר אין לקו"ת אז תורה איז אזוי ווי דער דם האדם, וואס בשעת עס קומט צו אין דער דם אין איין חלק פון גוף, קומט צו דם אין דער גאנצער גוף.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו מצוות.

ועד"ז וועט לע"ל אויך זיין דער שלימות אין ברכות דצלותא,

און דעמאלט וועט אויך זיין דער שלימות אין ברכת התורה, וויבאלד אז מ'וועט דעמאלט לערנען תורתו של משיח,

און עס וועט נתגלה ווערן דער "מקדש אד' כוננו ידיך", במהרה בימינו ממש.

* * *

**עג.** דער ביאור אין דעם פארוואס ס'איז קיין סתירה ניט פון דעם וואס עס שטייט אין פרקי אבות, אז "בן חמישים לעצה, בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה", מיט דעם דאס וואס עס שטייט אין תקו"ז און אין מאו"א אז "בן חמישים לזקנה" און "בן ששים לשיבה":

אין תורה איז פאראן גליא דתורה און סתים דתורה, נגלה דתורה און פנימיות התורה.

און וויבאלד אז "זאת התורה אדם", דערפאר זיינען פאראן די צוויי דרגות אויך אין דעם אדם – וואס דאס איז דער גוף און דער נשמה פון דעם אדם: דער גוף איז אז אזוי ווי גליא דתורה און דער נשמה איז אזוי ווי סתים דתורה, וכמבואר אין זהר פ' בהעלותך אז גליא דתורה און סתים דתורה איז גופא און נשמתא.

און נשמתא דתורה פועל'ט אין דער נשמה פון דעם מענטשן, און גופא דתורה פועל'ט אין דער גוף פון דעם מענטשן.

עד. אילנע פון די חילוקים צווישן דער גוף און דער נשמה איז — אין דער גידול זיילערע: גידול הגוף איז פאמעלעכער ווי גידול הנשמה:

גידול הגוף באשטייט פון דעם וואס דער גוף ונה"ב פון דעם מענטשן וואקסן, וואס דאס איז אויך כולל ווי דער מענטש וואקסט אין הבנה נהשגה(?);

משא"כ גידול הנשמה האט זיך אנגעהויבן פאר גידול הגוף, און ניט נאר דערפאר ווי די נשמה געפינט זיך למעלה (וואס דעמאלט איז נאך בכלל ניט געווען קיין גוף), אדער מצד דעם ווי זי געפינט זיך מתחת כסא הכבוד, אדער ווי זי געפינט זיך קודם ירידתה למטה -

נאר אפילו נאך דערויף וואס זי איז ירדה למטה הויבט זיך אן דער גידול הנשמה פאר דעם גידול הגוף, ווי מ'זעט אז אויך נאך ירידת הנשמה, אילדער עס הויבט זיך אן גידול הגוף, זיינען דא כמה חילוקי דרגות אין דער נשמה: ס'איז דא די דרגא וואס בשעת העיבור "מלמדין אותו כל התורה כולה", און דערנאך, איז דא וואס "בא מלאך וסטרו על פיו כו'" וכו', וואס דאס זיינען אלע הדרגות אין גידול הנשמה.

וואס עפ"ז קומט אויס אז די נשמה איז אלעמאל "עלטער" ווי דער גוף, און דער גוף איז היינטערשטעליק, ווייבאלד אז גידול הנשמה האט זיך אנגעהויבן פאר גידול הגוף.

עה. און ווייבאלד אז גידול האדם טיילט זיך אין תקופות פון עשר שנים (ווי ער זאגט דא אין אבות: "בן עשרים.. בן שלשים.. בן ארבעים וכו'") - דערפאר איז אויך דער גוף היינטערשטעליק פון דער נשמה מיט עשר שנים, ד.ה. ווען דער גוף איז עשר שנים אלט איז דער נשמה עשרים שנה, וכו'.

וואס דערפון קומט אויס אז ווען דער מענטש גוף האדם (מצד דעם גוף) איז א בן חמישים, איז דער נשמה שוין א בן ששים, און דערפאר איז אויב מ'רעדט מצד די נשמה איז "בן חמישים לזקנה", ווארום אפילו אז דער גוף איז דעמאלט מערניט ווי חמישים שנה, אבער ווייבאלד אז די נשמה איז דעמאלט שוין א בן ששים שנה, און ס'איז דא דער כלל אז "בן ששים לזקנה" - דערפאר איז "בן חמישים (הגוף) לזקנה"; משא"כ אויב מ'רעדט מצד גוף האדם, איז דעמאלט "בן ששים (מצד הגוף) לזקנה".

דערמיט איז פארשטאנדיק אז דאס וואס דער משנה זאגט אין פרקי אבות אז "בן חמישים לעצה, בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה", און דאס וואס עס שטייט אין תקו"ז און אין מאו"א אז "בן חמישים לזקנה" און "בן ששים לשיבה" - איז מר אמר חדא ומר אמר חדא ולא פליגי.

ס'יי אין פרקי אבות און ס'יי אין תקו"ז איז "בן ששים לזקנה" און "בן שבעים לשיבה" - ס'איז נאר א חילוק צי מ'רעדט וועגן די יארן פון דער נשמה אדער וועגן די יארן פון דער גוף:

פרקי אבות וואס איז גליא דתורה, גופא דתורה, וואס דאס פגעלט אין גוף האדם - רעדט וועגן גוף האדם, וואס דערפאר זאגט די משנה מצד גוף האדם "בן חמישים לעצה", און "בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה", ווארום מצד גוף האדם איז ווען דער גוף ווערט בן חמישים איז "בן חמישים לעצה", און ערשט ווען ער ווערט בן ששים איז ער "לזקנה" און "בן שבעים לשיבה".

און אזוי איז אויך דער פס"ד להלכה אין שו"ע, אז "מצוה לקום מפני שיבה דהיינו בן שבעים שנה" - ווארום דער שו"ע איז ענינו ווי הנהגת האדם דארף זיין במעשה בפועל בגוף שלו.

ועד"ז ברייגנט אויך אראפ דער אלטער רבי אין סידור שלו די משנה, אז "בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה", וואס דאס איז נאכמער ווי דאס וואס עס ברייגנט זיך אין שו"ע, ווארום דער סידור איז א דבר השוה לכל, און ער האט דאס ארײַנגעשטעלט בסידורו בא מנחה פון רעוא דרעוין.

משא"כ תקו"ז און מאו"א (און סידור האריז"ל) איז סתים דתורה, נשמתא דתורה, וואס דאס פועל'ט אין דער נשמה פון דעם אדם - רעדט וועגן דער נשמה, וואס דערפאר שטייט דארטן "בן חמשים לזקנה" און "בן ששים לשיבה" - ווארום ווען דער גוף איז בן חמשים איז שוין דער נשמה בן ששים - במילא איז מצד די נשמה "בן חמשים (דהגוף) לזקנה", און "בן ששים לשיבה".

און דאס איז אויך פארבונדן מיט די ראי' וואס דער תקו"ז ברייגנט דארטן פון מ"ת, אז מ"ת איז געווען ביום החמשים - ווארום בא מ"ת איז געווען "פרחה נשמתן", אידן זיינען געווען נאר נשמות אן גופים, און מצד די נשמה איז "בן חמשים לזקנה".

וואס עפ"ז קומט אויס אז ס'איז ניטא קיין סתירה צווישן דעם וואס עס שטייט אין פרקי אבות מיט דעם וואס עס שטייט אין תקו"ז וכו' - די נפקא"מ איז נאר מצד אין וועלכע דרגא מ'האלט: בשעת מ'האלט בא דער דרגא פון נשמה, וואס דאס איז דער ענין פון נשמתא דתורה - רעדט מען ווי די ענינים זיינען מצד די נשמה; און בשעת מ'האלט בא דער דרגא פון גוף, וואס דאס איז דער ענין פון גופא דתורה - רעדט מען ווי די ענינים זיינען מצד דעם גוף האדם.

**עו.** לפי"ז איז אבער ניט פארשטאנדיק נאך א זאך:

ווילבאלד אז זהר און תקו"ז וכו' איז סתים דתורה, און דערפאר רעדט זיך דארטן ווי די ענינים זיינען מצד די נשמה, און גליא דתורה רעדט ווי די ענינים זיינען מצד הגוף - איז ווי געפינט מען אז עס זיינען פאראן כמה פסקי הלכות (אין גליא דתורה) וואס זיינען גענומען פון זהר (סתים דתורה), זיי זיינען דאך לכאו' צוויי באזונדערע ענינים וואס האבן קיין שייכות ניט צווישן זיך, זהר רעדט וועגן די נשמה און א פס"ד להלכה איז בנוגע דעם גוף?!

א מאמר המוסגר:

נאך א חילוק וואס איז דא צווישן סתים דתורה און גליא דתורה, פנימיות התורה און נגלה דתורה, איז - אז אין נגלה דתורה איז דא מחלוקת און קשיות וכו', משא"כ אין "עץ החיים", אין "אילנא דחיי" איז "לית תמן לא קשיא.. ולא מחלוקת".

וואס לכאו' איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: מ'זעט בפועל אז עס זיינען פאראן כו"כ מחלוקת'ן אין זהר, און ווי עס ברייגנט זיך אין ביאורי הזהר וכו'?!

מ'שטעלט זיך אויף שפאלטן א האר; בשעת עס קומט אבער צו אזא קושיא פשוטה - פרעגט דאס קיינער ניט.

וואס דאס איז א קשיא וואס יעדער איינער האט געדארפט פרעגן, ווארום מ'לערנט דאך חת"ת, במילא לערנט מען וואס עס שטייט אין אגה"ק אז אין "אילנא דחיי" איז ניטא קיין מחלוקת, דערנאך אז ער גיט א קוק אריין אין ביאורי הזהר - זהר קען מען נאך זאגן אז דאס איז שייך פאר יחידי סגולה, אבער ביאורי הזהר לערנט מען דאך יע פון שוין פאר בר מצוה, עכ"פ ווי דאס ברייגנט זיך אין די מאמרים פון דעם רבי'ן נ"ע און פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - און דארטן זעט מען אז עס ברענגען זיך פון זהר כו"כ מחלוקת'ן, א מחלוקת צווישן ר' אבא און ר' שמעון וכיו"ב, און מ'איז מבאר אז זיי זיינען פליג - דארף זיך גלייך שטעלן די שאלה ווי שטימט דאס מיט דעם וואס עס ווערט געבראכט אין אגה"ק אז אין זהר איז ניטא קיין מחלוקת?!



הנחה פרטית בלתי מוגה

עד"ז איז אויך די שאלה בנוגע צו תלמוד ירושלמי:

ס'איז מבואר בכ"מ אז תלמוד בבלי איז דער ענין פון "במחשכים הושיבני", ווארום דארטן זיינען פאראן מחלוקת'ן, משא"כ אין ירושלמי זיינען ניטא קיינע מחלוקת'ן.

בשעת מ'גיט אבער א קוק ארײן גלייך אין דעם ערשטן פרק אין דער ערשטער מסכת (מס' ברכות) אין ירושלמי - זעט מען מחלוקת מיט קשיות וכו', ועאכו"כ אז מ'קוקט ווייטער אין ירושלמי?!

**עז.** איז דער ביאור בכל זה:

אין קדושה איז יעדער זאך בהתכללות פון שאר כל הענינים.

ע"ד ווי געדעדט פריער בנוגע צו "העוסק במצוה פטור מן המצוה", וואס דאס איז דערפאר וואס אלע מצוות זיינען בהתכללות, יעדער מצוה האט אין זיך שאר כל המצוות.

ועד"ז בנדו"ד: אע"פ וואס זהר און נגלה דתורה איז נשמתא דתורה און גופא דתורה - איז אבער אויך דא דער ענין ההתכללות ביניהם.

וואס דערפאר זיינען דא כמה פסקי הלכות אין נגלה דתורה וואס זיינען גענומען פון זהר.

**עח.** די כוונה פון כל המדובר לעיל איז אז עס זאל זיין "טאפארא דא פלאכא", אז פון די רייד זאל ארויסקומען א בכן:

אין דער התוועדות פון ט"ו באב, האט מען גערעדט אז פון חמשה עשר באב און ווייטער זאל מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, על יסוד זה וואס די גמ' זאגט אין דעם סיום פון מסכת תענית בנוגע צו חמשה עשר באב, אז "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", און ווי רש"י טייטשט אפ: "מחמשה עשר באב ואילך דמוסיף ללות על הימים לעסוק בתורה, יוסיף חיים על חייו".

וואס די הוראה, אז פון ט"ו באב און ווייטער זאל מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, איז בנוגע צו כאו"א:

אנהויבנדיק פון תינוקות של בית רבן, קינדער, און אויך ישיבה בחורים, און עאכו"כ אזוינע וואס "תורתם אומנתם".

וואס אין דעם זעט מען א דבר פלא: היינט צו טאג זיינען בעיקר קינדער די בא וועמען ס'איז שייך זאגן "תורתו אומנתו"! ווארום זיי זיינען סמוכין על שולחנם של אביהם, האבן זיי דאך ניט קיינע דאגות הפרנסה וכיו"ב, איז די איינציקע זאך וואס זיי דארפן טאן איז לערנען תורה.

**עט.** ועד"ז בנוגע צו אן איידעם וואס געפינט זיך אויף קעסט, וואס דאס וואס דער שווער זיינער האלט אים אויס אויף קעסט איז דאך בכדי אז ער זאל זיצן און לערנען תורה און ניט האבן קיינע בלבולים און דאגות הפרנסה - במילא דארף ער זיצן און לערנען תורה, ווארום צוליב דעם האלט אים אויס זיין שווער.

בשלמא בנוגע צו זיין פאטער - האט זיין פאטער קיין ברירה ניט און מוז אים אויסהאלטן; אבער וואס איז אים שולדיק זיין שווער - זיין שווער האט גענומען א געראטענעם בחור אלס איידעם און האלט אים אויס אויף קעסט בכדי ער זאל לערנען - דארף ער זיצן און לערנען!

ס'איז געווארן א סדר אז א פאר יונגע פאלק וואס געפינען זיך אויף קעסט - גליען שפאצירן איינשטאט דעם וואס דער אילדעם דארף זיצן און לערנען תורה!

און ניט ארומפארן און זוכן אן עיר נאה אדער אן אילן נאה, און דארטן שפאצירן, ובפרט אז ער מאכט אויף דעם א ברכה "שככה לו בעולמו", און ער איז דערמיט מקיים וואס דער אלטער רבי שרייבט אין סדר ברכת הנהנין, און דערנאך פארט ער צו א צווייטער "פארק" וואס דארטן איז דא נאך אן אילן נאה, מאכט ער נאך א ברכה.

און ווער רעדט נאך אז ער גייט שפאצירן און זעט א ברי' משונה, וואס דעמאלט מאכט ער די ברכה "משנה הבריות"!

ובפרט אז ער גייט שפאצירן אין חודש ניסן און זעט דעמאלט אן אילן, וואס דעמאלט מאכט ער א ברכה מיוחדת, און נוסף לזה - איז דאך דער דין א חידוש פון דעם אלטן רבי'ן - איז דורך מאכן דער ברכה האט ער אויך מקיים געווען א דין וואס דער אלטער רבי האט מחדש געווען!

זאגט מען אים אז דער דין איז, אז המהלך בדרך ספעציעל צו מאכן ברכת הנהנין איז ער מתחייב בנפשו, ובפרט אז זיין תפקיד איז זיצן און לערנען תורה!

און אויב ער וויל מקיים זיין דאס וואס דער אלטער רבי זאגט אין סדר ברכת הנהנין - קען ער דאס מקיים זיין דורך זאגן ברכת המזון, וואס אין מיטן וואך איז טאקע ניט מוכרח אז מ'זאל זיך וואשן און דערנאך בענטשן - אבער ביום השבת איז נעבעך ניטא קיין ברירה, און מ'מוז זיך וואשן, במילא וועט ער דעמאלט זאגן ברכת המזון און דערמיט מקיים זיין וואס דער אלטער רבי שרייבט אין סדר ברכת הנהנין.

אבער דער עיקר איז - אז זיין ענין איז צו זיצן און לערנען תורה אן קיין שום בלבולים און אנדערע דאגות.

**פ.** בנוסף צו די הוראה כללית הנ"ל, אז יעדער תשב"ר, ישיבה בחורים, יונגע לייט וכו', דארפן מוסיף זיין (פון ט"ו באב און ווייטער) אין לימוד התורה -

איז בהמשך להמדובר לעיל וועגן "בן חמישים לעצה, בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה", אדער ווי עס שטייט אין תקו"ז "בן חמישים לזקנה" - איז איצטער א זמן המתאים צו אנהויבן א נייער סדר, אז די וואס זיינען פון חמישים שנה און עלטער, וואס כמה פון זיי זיינען שוין "רעטייערד", אדער "סעמי-ריטייערד", און בכלל - זיינען זיי שוין נאך די יארן ווען מ'פראוועט נאך קונצן, "בן שלשים לכח", ועאכו"כ "בן עשרים לכח", ווען מ'פראוועט נאך קונצן - זאלן איינשטעלן שיעורים אין לימוד התורה במיוחד פאר דעם גיל פון "בן חמישים לזקנה" און ווייטער, ביז אויך די וואס זיינען בן שמונים, און בן מאה, און אויך כולל זיין אין זיך די וואס זיינען בן ארבעים.

און די החלטה בזה זאל מען מאכן אלע צוזאמען, וואס דעמאלט איז מען נאכמער זיכער אז דאס וועט מצליח זיין, כמבואר אין קונטרס החלצו.

און דורך דעריף וועלן זיי באווייזן אז זיי זיינען טאקע זקנים ווי עס דארף זיין, זקן ע"ש "זה שקנה חכמה", וואס דאס איז דוקא ווען זיי זיינען "קנה חכמה" בפועל דורך לערנען תורה וכו', כידוע דער ווארט פון דעם אלטן רבי'ן, אז ס'איז ניט גענוג אז אויב ער וויל וואלט ער געקאנט טאן - נאר ער דארף טאן בפועל.

**פא.** פאר יעדער זאך וויל מען דאך האבן א קלינגענדיקן נאמען, ועד"ז בנוגע צום ענין הנ"ל.

איז דא א קליינגענדיקן נאמען אין דער מדינה, מיט וועלכע מ'קען אנרופן די שיעורים.

וואס דאס איז דער נאמען "כולל", וואס בכלל איז דאס א נאמען וואס מ'האט געגעבן צו אן ארט וואס מ'האט מייסד געווען בכדי אז די יונגעלייט וואס האבן ערשט חתונה געהאט זאלן ממשיך זיין לערנען תורה, אן קיין הפסק פון דעם וואס זיי האבן פריער געלערנט אין ישיבה אלס בחורים.

וואס עד"ז קען מען אויך אנרופן דער נייער מוסד וואו אידן נאך ארבעים שנה קומען צוזאמען און לערנען תורה.

נוסף לזה קען מען עס אויך געבן דעם נאמען "תפארת זקנים", ע"ד לשון הכתוב "עטרת זקנים בני בנים", און אויך ע"ד ווי דער נאמען "תפארת בחורים", וואס דאס איז דאך געווען די ישיבה וואס מ'האט מייסד געווען אין רוסלאנד, מאחורי מסך הברזל (ווי עס ווערט היינט אנגערופן), צוליב דערויף וואס מצד צוק העתים האט מען ניט געקאנט מאכן ישיבות, און מ'האט ניט געקאנט קומען פון אנדערע ערטער לערנען אין איין ארט - האט מען מייסד געווען דער "תפארת בחורים",

וואס דער מייסד לעבט היינט אין ארץ הקודש, און ער געדענקט ווי דאס האט מצליח געווען וכו'.

און על שם די צוויי זאכן, דער לשון הכתוב "עטרת **זקנים**" און דער נאמען "**תפארת** בחורים" - קען מען אנרופן דער נייער מוסד וואס ענינה איז - שיעורים אין לימוד התורה פאר אידן נאך ארבעים שנה.

און עס זאל טאקע מקויים ווערן אז דאס זאל זיין "עטרת זקנים בני בנים", אז פון דער לימוד התורה פון די זקנים - וועט עס אויך אראפ קומען אין די בנים און "בני בנים", וואס דעמאלט איז דאס א ענין נצחי ווי רז"ל זאגן, וויבאלד אז דאס זיינען דריי דורות,

און דאס זאל אויך זיין אין אן אופן פון א "כולל", כמדובר אמאל אז "כולל" איז מערער פאר "כלל": "כלל" מיינט אז דאס איז א כלל פאר זיך אליין; דאס איז אבער ניט כולל אין זיך אנדערע, משא"כ "כולל" מיינט אז דאס צילט צו און דאס איז כולל אין זיך אויך אנדערע.

**פב.** בכדי אז דער ענין זאל האבן מערער קיום, אז די וואס וועלן זיך משתתף זיין אין דעם כולל זאלן פילן אן אחריות און זיין געבונדן צו קומען לערנען -

זאל מען צאלן די וואס קומען לערנען א סכום מסויים פון ממון, וועלן זיי דעמאלט זיין געבונדן צו קומען צו די שיעורים אפילו אויב זיי וועלן האבן אנדערע זאכן צו טאן וכיו"ב.

**פג.** מ'וויל דאך אויך אז יעדער זאך זאל זיין פארבונדן מיט אהבת ישראל, ועד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין.

וואס דער ענין פון אהבת ישראל אין די כוללים קען מען אויפטאן דורך דערויף, וואס די כמה כוללים וואס וועלן זיין בכמה מקומות - וועלן אלע האבן דעם זעלבן נאמען, וועט דאס מדגיש זיין ווי די אלע כוללים זיינען פארבונדן איינער מיט דער צווייטער, במילא וועט דאס אזוי אויך ארויסברייננגען אין דעם הרגש פון די אלע משתתפים אין די כוללים, אז וויסנדיק אז זיי זיינען אין א כולל וואס איז פארבונדן מיט אנדערע כוללים מיט דעם זעלבן נאמען - וועלן זיי מרגיש זיין ווי זיי זיינען פארבונדן מיט די משתתפים אין די אלע אנדערע כוללים מיט דעם נאמען.



הנחה פרטית בלתי מוגה

נאכמער קען מען דאס אויפטאן דורך דערויף וואס אין די אלע כוללים וועט מען אויך לערנען אן ענין בנוגע צו די שיעורים וואס מ'וועט לערנען אין די כוללים, וואס דאס דארף דאך זיין אין ענינים וועלכע די חברי הכולל ווילן לערנען - זאל מען אויך לערנען איין גלייכער לימוד אין די אלע כוללים.

וואס בכדי עס זאל ניט זיין קיין שקו"ט און קיינע מחלוקת וואס דער ענין זאל זיין - זאל מען לערנען אין די אלע כוללים פרשת השבוע.

און דורך דערויף וועט דאס נאכמער פארבינדן די אלע חברי הכוללים מיט אן אמת'ן אהבת ישראל.

**פד.** די לימודים אין די כוללים זאל מען אויך פארבינדן מיט אן ענין פון תפלה, דורך דערויף וואס מ'וועט לערנען סמוך צו איינע פון די דריי תפלות, לפני' אדער לאחרי', לאחרי תפלת שחרית, לפני אדער לאחרי תפלת מנחה, לפני אדער לאחרי תפלת מעריב.

און בכדי מ'זאל האבן דער גאנצער ענין פון "ציון במשפט (תורה) תפדה ושבי' בצדקה" - זאל מען אויך פארבינדן דעם לימוד מיט אן ענין פון צדקה, דורך שטעלן א צדקה-פושקע אויף דעם שולחן וואו מ'לערנט (בימות החול), וואס דאס וועט דערמאנען אז מ'זאל געבן צדקה (פאר דעם לימוד אדער נאך דעם לימוד).

ועאכו"כ אויב דער כולל וועט מייסד זיין א קרן גמילות חסדים, וואס דאס איז נאכמער ווי דער ענין הצדקה.

**פה.** און דורך דערויף וואס מ'האט די דריי ענינים פון תורה, עבודה (תפלה) און גמ"ח - האט מען דעם "חוט המשולש" וואס "לא במהרה ינתק", דער ענין פון נצחיות.

וואס דערפון וועט מען קומען צו דער ביהמ"ק השלישי, וואס ער וועט זיין א בית נצחי;

און צו דעם ענין פון תחיית המתים, וואס דאס ברייננגט ארויס ווי דער גוף פון א אידן איז א גוף נצחי, ווי מ'זאגט פאר פרקי אבות אז אידן זיינען "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר", און דערפאר איז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב", וואס עוה"ב גייט אויף תחה"מ, ווי דער רמב"ן זאגט און חסידות פסק'נט אזוי,

[און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון פשטות המשנה אין סנהדרין, וואס ער זאגט דארטן אז "כל הכופר בתחה"מ אין לו חלק בעוה"ב", וואס דאס איז דאך אן ענין פון מדה כנגד מדה, אז וויבאלד "כופר בתחה"מ" דערפאר "אין לו חלק (אין דעם וואס ער איז כופר) בעוה"ב", ד.ה. אז עוה"ב איז דער ענין פון תחה"מ].

און דערנאך קומט מען צו דאס וואס מ'זאגט בסיום פון יעדער פרק אין פרקי אבות, "ר' חנני' בן עקשיא אומר רצה הקב"ה לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תורה ומצוות" - אז מ'איז מרבה אין תומ"צ נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, ביז אין אופן פון "יגדיל תורה ויאדיר", אז מ'איז מגדיל און מאדיר די תורה.

וואס דורך דעם איז מען טועם נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, וואס דאס איז דאך דער זמן פון ערב שבת אחר חצות כמדובר כמ"פ, פון דער תבשיל פון שבת, ביז אז מ'קומט צו דער "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים" במהרה בימינו ממש.

* * *

**פו.** יעדער זאך וואס מ'מאנט בא יענעם וויל מען אנהויבן פון זיך אליין, וואס וויבאלד אז מ'האט גערעדט און געמאנט וועגן דעם כולל פון "תפארת זקנים" -

דערפאר זאל מען נעמען פון די מזונות פון דער התוועדות, פאר דער התוועדות וואס וועט זיין היינט ביינאכט בשעה העשירית, בתור התחלה פון דעם כולל.

דער עיקר איז - אז מ'זאל דעם ענין דורכפירן בפועל ממש, און מ'זאל דאס מפרסם זיין בכל מקום וואו מ'קען דערגרייכן.

און בקרוב ממש זאל דער לימוד התורה, וואס איז "הלא כה דברי כאש", - ארומנעמען די גאנצע וועלט, ביז אז עס וועט ברענגען דער גאולה האמיתית והשלימה, ובמהרה בימינו ממש.

צוה לנגן מלכתחילה אריבער.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחורנה, ווע‍לן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

נתן המזונות והיין להר' חדקוב שיחי'.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

* * *

א. אויף דעם ענין פון "עצי כהנים והעם" (תענית כו א, במשנה. כח, א) שטייט אין גמ' (מגילה ה. א במשנה, וראה רש"י שם ד"ה אבל זמן) דער דין בנוגע צו דעם "קרבן עצים" וואס די משפחות האבן מקריב געווען אין דעם טאג וואס מ'האט גענוצט זייערע עצים - אז אויב איינער פון די טעג איז "חל להיות בשבת", ברייגגט מען דעם "קרבן עצים", "לזום מחר", בא' בשבת - "מאחרין (ולא מקדימין)".

וואס דער ענין פון "עצי כהנים והעם" און פון "קרבן עצים" איז:

ווי די גמ' (תענית כח, א) דערציילט דעם סיפור בארוכה, "כשעלו בני הגולה" פון בבל, און כדי צו קענען טאן די עבודה בביהמ"ק, וואס התחלתה איז הקרבת הקרבן תמיד, האט מען געדארפט האבן עצים על המערכה, כדי צו קענען מקריב זיין דעם קרבן.

און אזוי ווי "לא מצאו עצים בלשכה", איז "עמדו אלו והתנדבו משלהם" - האבן משפחות פון "כהנים (און ווי עס שטייט אין פסוק (נחמי' י, לה. וראה הערה 2 בלקו"ש השבועי דש.ז.) אויך "הלוים"). והעם" (ל' המשנה - תענית כו, א) זיך מתנדב געווען צו ברייגגען האלץ אין דער לשכה, כדי צו קענען מקריב זיין דעם קרבן תמיד, ועד"ז שאר הקרבנות הבאים לאחריו.

וואס בשעת עס האבן זיך געענדיקט (אויסגעלאזט) די עצים וואס די ערשטע משפחה האט מנדב געווען - האט א צווייטע משפחה עס מנדב געווען, א.א.וו.

און אזוי איז דאס דורכגעגאנגען במשך א גאנצן יאר - אז מ'האט נייען מאל געדארפט אנקומען צו זייער התנדבות (פון "הכהנים (הלוים) והעם"), אויף ברייגגען די האלץ (שם).

דערנאך איז "התנו נביאים שביניהם" - די נביאים וואס זיינען דעמאלט געקומען פון גלות בבל (ווי עס ווערט דערציילט אין עזרא-נחמי' אז ס'איז זיינען דעמאלט געווען כמה נביאים. - ווי אויך דערמאנט זייערע נעמען דארטן), האבן אויסגענומען א תנאים און מתקן געווען אז דער זכות פון דעם וואס זיי האבן געבראכט די עצים אין יענעם יאר, זאל זיי בלייבן מכאן ולהבא אין יעדער יאר,

ד.ה. אז אין די אלע יארן לאח"ז, בשעת עס וועט קומען דער באשטימטער טאג וואס די משפחה האט זיך מתנדב געווען אין יענעם יאר - זאל מען נוצן די עצים פון דער משפחה דוקא.

און "אפי' לשכה מלאה עצים" פון דמים של ציבור (ווי אנדערע ענינים וואס מ'האט געגעבן פון דער לשכה) - אעפ"כ "יהיו אלו מתנדבין משלהן", אז מ'זאל נעמען די עצים פון דער משפחה, און עס נוצן אויף מקריב זיין די קרבנות צבור פון דעם טאג.

וויבאלד אז דאס איז געווען א זכות פאר זיי, איז דער טאג בא זיי געווען א יו"ט (ראה תענית יב, א. ובפרש"י שם ד"ה שוויי"ט. ובכ"מ), און דערפאר האבן זיי יענעם טאג מקריב געווען א קרבן יו"ט - א קרבן הודאה אויף דעם זכות וואס זיי האבן באקומען.

וואס דער קרבן ווערט (אויך) אנגערופן "קרבן העצים" - על שם וואס מ'האט זיי מזכה געווען, אויף נוצן זייערע עצים - ניט די עצים פון דער לשכה, ווי ס'איז געווען ע"ד הרגיל.

און אזוי ווי דער "קרבן העצים" איז דאך א קרבן יחיד (אדער א קרבן משפחה, פון כמה יחידים - עכ"פ ניט קיין קרבן צבור), או א קרבן יחיד איז דאך ניט דוחה שבת - דערפאר בשעת דער טאג (פון "עצי כהנים והעם") "חל להיות בשבת", איז דער דין אז "מאחרין" דעם "קרבן עצים" למחרתו, ביום ראשון שלאח"ז.

ב. וואס דער דין פון "מאחרין" איז נאר בנוגע דעם "קרבן עצים", אז זיי האבן אים געבראכט מיט א טאג שפעטער, ניט אין דעם באשטימטן טאג, ולדוגמא: אויב עשרים באב (וואס ער איז איינער פון די זמנים פון "עצי כהנים והעם" (תענית כו, א במשנה)) איז חל בשבת, האבן זיי געבראכט דעם "קרבן עצים" למחרתו, ביום ראשון שלאחריו.

עס ווערט דאך אבער א שאלה, ווי איז געווען בנוגע די עצים אליין:

צי מ'האט אפגעלייגט אויך דעם זכות וואס זיי האבן געהאט אויף נוצן זייערע עצים פאר די קרבנות צבור פון דעם טאג - למחרתו, כדי עס זאל זיין צוזאמען מיטן "קרבן העצים" וואס זיי וועלן ברענגען דעמאלט.

אדער מ'האט טאקע גענוצט זייערע עצים אין דעם טאג, ולדוגמא - בעשרים באב, אפילו כשחל בשבת (און דעם "קרבן העצים" האבן זיי ערשט געבראכט למחרתו) (ראה בכ"ז לקו"ש הנ"ל ס"ד והערה 25).

ג. איז דער פתרון אויף דער שאלה פארשטאנדיק בפשטות:

היות אז דער זמן "עצי כהנים והעם" איז נקבע געווארן מצד דערויף וואס "כשעלו בני הגולה... ועמדו אלו והתנדבו משלהם" - דארף מען זיך אריינטראכטן ווי וואלט מען געטאן אין אזא פאל, ווען ס'וואלט בפעם הראשונה, איינער פון די ניין זמנים אויסגעקומען בשבת.

ד.ה. אויב עשרים באב - לדוגמא - איז אויסגעקומען בשבת, און די עצים פון די פריערדיקע משפחה האבן זיך געענדיקט פריליטיק, צי האט מען גענוצט די עצים פון דער נייער משפחה בעשרים באב אדער ניט -

איז דאך אין דערויף גאר קיין שאלה ניטא - ס'איז א זיכערע זאך אז מ'האט גענוצט די עצים פון דער נייער משפחה, ווארום מ'האט געדארפט מקריב זיין דעם קרבן תמיד, און ס'איז דאך ניטא קיין אנדערע עצים!

אמת טאקע אז קיין קרבן יחיד קען מען דעמאלט ניט מקריב זיין - א קרבן יחיד איז ניט דוחה שבת (כנ"ל סוס"א), אבער א קרבן תמיד מוז מען ברענגען און ער איז דוחה שבת ("במועדו - אפילו בשבת"), און קיין עצים איז ניטא - איז מען זיכער געגאנגען זוכן עצים כדי צו קענען מקריב זיין דעם קרבן תמיד.

איז בשעת די משפחה איז געקומען און האבן מנדב געווען די עצים - האבן זיי אויפגעטאן א געוואלדיקן ענין! אז לא בטל התמיד ח"ו, ועד"ז דער קרבן מוסף פון יום השבת, און שאר הקרבנות, וואס זיי זיינען אלע דוחה את יום השבת, און אויף יעדערן פון זיי האט מען געדארפט האבן עצים.

ד. וואס עפי"ז אז בפעם הראשונה איז ניט שייך פאנאנדערטיילן צווישן א יום השבת און א יום חול, ווארום אז מ'דארף האבן עצים פארן מזבח (כדי צו קענען טאן די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן מזבח), קען מען עס ניט אפלייגן אויף מארגן און איבערמארגן אז דעמאלט וועט מען געפינען עצים במקום אחר, נאר מ'דארף נעמען עצים דוקא בו ביום וואו מ'קען זיי נאר געפינען, און ס'איז קיין אונטערשייד ניט צי דאס איז בשבת אדער בחול -

עד"ז אויך אין די שנים שלאח"ז, אפילו ווען דער זמן "עצי כהנים והעם" איז חל בשבת - האט קיין ארט ניט אז מען זאל אפלייגן דעם זכות (מאיזה סיבה שתהי') אויף א טאג שפעטער.

וואס דעפראר לייגט זיך אין סברא אז מ'האט געניצט די עצים פון דער משפחה, ווען ס'איז געקומען זייער באשטימטער טאג בשנים שלאח"ז, אפילו כשחל ביום השבת.

**ה.** ע"ד דער חילוק צווישן דעם "קרבן עצים" מיט די עצים אליין, אז דער "קרבן עצים" קען מען ניט ברייננגען בשבת (ווי פארשטאנדיק בפשטות) ווארום א קרבן יחיד איז ניט דוחה שבת, און ווי עס שטייט בפירוש אז "מאחרין".

משא"כ די עצים אליין האט מען געניצט אויך בשבת, ווי עס לייגט זיך בפשטות

עד"ז איז אויך בנוגע צו דער התוועדות פון כ"ף אב, אז עס זיינען דא ענינים וואס בשבת קען מען זיי ניט טאן, ולדוגמא - מ'קען ניט מאכן קיין "מגבית" און געבן געלט אדער שרייבן צעטלעך וכיו"ב, במילא דארף מען עס אפלייגן אויף מוצאי שבת - יום א' שלאחריו;

משא"כ ענינים המותרים בשבת, וואס ניט נאר אז זיי זיינען מותר נאר זמנם איז בשבת (בדוגמא ווי די עצים אליין), איז א דבר המובן אז די ענינים דארפן אפגעטאן ווערן דוקא אין דעם טאג, ובנדו"ד - אין כ"ף אב.

**ו.** און ווי מ'געפינט דעם חילוק אויך אין דינים ומנהגים וואס זיינען פארבונדן מיט א יארצייט (הילולא) בכלל - ווען דער יארצייט פאלט אויס בשבת:

עס זיינען פאראן דינים ומנהגים וואס בשבת קען מען זיי ניט טאן, ווי נתינת צדקה בממון, אדער דער ענין התענית [ווי דער מנהג איז בכמה מקומות (משא"כ מנהג חב"ד)] וכיו"ב - איז דאך דא די שאלה, צי מ'זאל עס מקדים זיין לערב שבת אדער מאחר זיין ליום ראשון [אדער אין אזא יאר האט עס קיין ארט ניט], ווי די שקו"ט אין אחרונים בזה (און שוין אויך אפגעדרוקט (ראה לקו"ש הנ"ל ס"ה ובהערות שם));

און עס זיינען פאראן דינים ומנהגים וואס מ'קען זיי טאן בשבת, ובמילא דארף מען זיי טאן, ווי עניני תפלה וכיו"ב וואס זיי זיינען ענינים עיקריים.

ואדרבה - בשבת קומט נאך צו אן עילוי אין זיי, ווי די גמ' זאגט אין זבחים (צא, א. וראה יומא לב, ב) אז שבת איז "אהני" אויך צו דעם קרבן תמיד,

ד.ה. אז שבת גיט צו ניט נאר בנוגע דער קרבן מוסף, וואס איז פארבונדן במיוחד מיט שבת, נאר עס קומט צו א קדושה ועילוי אויך אין דעם קרבן תמיד, אע"פ אז ער איז דא בכל יום ויום, און אזוי איז אויך אין אלע ענינים וואס קענען זיין אין ימי המעשה אדער אין יום השבת וכיו"ב.

עד"ז איז אויך אין יו"ט, ר"ה ויוה"כ, וואס דערפאר דארף אויך די עבודה פון קרבן תמיד ביוה"כ זיין בכה"ג, אע"פ אז ס'איז ניט קיין עבודה מיוחדת פון יוה"כ [וכידוע השקו"ט בזה באריכות, ועד"ז בנוגע די שאלה וועגן תרומת הדשן מיט די חילוקי דיעות בזה וכו'].

**ז.** עד"ז בנדו"ד וואס עשרים במנחם אב איז חל ביום השבת, אז עס זיינען דא כמה ענינים - ענינים עיקריים, וואס מ'נעמט זיי פון יום השבת עצמו, און עס זיינען דא ענינים וואס ביום השבת קען מען זיי ניט טאן בפועל עכ"פ, מערניט ווי מחליט זיין אויף זיי טאן לאחרי השבת,

ווארום מחליט זיין החלטות טובות אויף עניני תורה ומצוותי' פון די ימים שלאח"ז קען מען אויך ביום השבת, ווי דער דין אז "מפקחין על צרכי צבור (אויך)



הגהה פרטית בלתי מוגה

בשבת", איז די החלטה נאך מיט א תוקף מיוחד, ווארום שבת איז "מיני' מתברכין כולהו יומין", במילא איז די החלטה פארבונדן סיי מיט עניני שבת און סיי מיט ברכת השבת -

אבער עס טאן בפועל קען מען ניט, מ'האט ניט קיין ברירה, און מען מוז עס אפלייגן אויף דעם יום המעשה וואס קומט נאך שבת, און דערנאך איז מען עס ממשיך אין די ימים שלאח"ז - אין אן אופן פון פעולה נמשכת.

**ח.** וואס דערפאר איז איצטער די התוועדות, בהוספה צו די התוועדות היום, כדי צו משלים זיין דער ענין ה"מגבית", און אויך אז כל הרוצה זאל אנשרייבן שמו ושם אמו.

און אויך כדי איבערגעבן די ענינים וואס האבן זיך געטרעדט ביום השבת און די ענינים וואס וועלן זיך איצטער רעדן, דורך די זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט טעלעפאנירן וכיו"ב, וואס בשבת זיינען זיי ניט שייך.

וואס אויך בשעת מען טוט די ענינים ביום שלאחרי היאצ"ט - האט מען מיט זיך דעם עילוי פון דעם יום היאצ"ט, ובנדו"ד אויך דעם עילוי פון יום השבת, אז מען איז ממשיך מיט זיך מעניני וברכות השבת,

בנוסף לזה וואס שבת איז "מיני' מתברכין כולהו יומין", כולל אלע ענינים פון דער וואך, אנהויבנדיק פון מוצ"ש ביז דער שבת שלאחריו.

**ט.** ויהי"ר אז די אלע ענינים זאלן זיין א הכנה קרובה, וקרובה ממש, צו די עצים על המערכה וואס וועלן זיין בביהמ"ק השלישי, וואס ער איז "מקדש אדנ' כוננו ידיך", "ושם נקריב לפניך תמידים כסדרם ומוספים כהלכתם", ובעגלא דידן ממש,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו [וואס דאס האט א קשר מיוחד מיט מוצ"ש וואס ער איז פארבונדן מיט דוד מלכא משיחא (ווי עס שטייט דער לשון אין סידור האריז"ל בנוגע צו מוצ"ש], וואס דעמאלט וועלן זיין סיי תמידים און סיי מוספים, ומתוך שמחה וטוב לבב,

ובפרט אז נאך אין די ימי הכנה צו דער גאולה - אין דער הכנה פון עקבתא דמשיחא, טוט מען אין די ענינים בתכלית השלימות, סיי אין די ענינים תמידיים, סיי אין די ענינים וואס מ'האט מוסיף געווען,

און די הכנה זאל זיין בשמחה ובטוב לבב, און אין אן אופן ווי שבת זאגט אן - מתוך עונג, ובפרט אז ס'איז א שבת אין א שנה וואס כולה שבת, שנה השביעית - שבת לה',

און דאס זאל אזוי נמשך ווערן אין אלע ענינים, אנהויבנדיק פון עניני תורה ומצוותי', און דורך דערויף אין די ענינים פון "בכל דרכיך" - עס זאל זיין "דעהו", און אין די ענינים פון "כל מעשיך" - עס זאל זיין "לשם שמים", און ער פירט דאס אזוי דורך בפועל,

ביז אז אויך אין די עניני הרשות וואס ער טוט זיי אין אן אופן פון "סתם", וואס ווי ער זאגט אין תניא אז דאס איז ניט קיין עבודה פאר א אידן - איז דאך אבער דער תיקון אויף דעם, פון די לייכסטע ענינים בכלל, ובפרט פאר א אידן,

ובפרט אז מ'נעמט מיט די ברכה אויף דערויף פון די התוועדות וואס איז פארבונדן מיט סעודתא דדוד מלכא משיחא,

און עס טוען זיך אויף אלע ענינים בשמחה וטוב לבב, וואס "שמחה פורץ גדר", עאכו"כ די גדרים און די מדידות והגבלות פון גלות,

"ומיד הן נגאלין", בגאולה האמיתית והשלימה.

* * *

**י.** אזוי ווי מ'רעדט דאך וועגן סעודתא דדוד מלכא [און ווי ער איז מוסיף אין סידור האריז"ל אויך דער ווארט] **משיחא**, [הגם אז אין שו"ע שטייט מערניט ווי "מלוה את המלך" (אדער ווי דער צווייטער לשון "המלכה" - "שבת מלכתא")] -

איז כאן המקום להדגיש נאך אמאל דעם ענין וואס איז פארבונדן מיט תינוקות של בית רבן, וואס זיי ווערן דאך אנגערופן בשם **"משיח"** - "אל תגעו במשיחי אלו תינוקות של בית רבן", ווי די גמ' זאגט אין שבת (קיט, ב),

און ווי די גמ' פארבינדט אין דער זעלבער סוגיא (ווי דערמאנט אויך אין דער התוועדות היום (סל"ד)) דער ענין פון תשב"ר מיטן ענין פון בנין ביהמ"ק אז "אין מבטלין תינוקות של בית רבן אפי' לבנין ביהמ"ק"), און בנין ביהמ"ק איז פארבונדן מיט מלכא **משיחא** וואס "יבנה ביהמ"ק במקומו" (כל' הרמב"ם).

**יא.** וואס אע"פ אז דער פארבונד איז אין דעם דין פון **"אין** מבטלין תשב"ר אפי' לבנין ביהמ"ק" - איז אבער (ווי גערעדט פריער בארוכה) ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו שבט לוי, אז דאס וואס **"אין לו** חלק ונחלה" איז ניט אז עס פעלט בא זיי דער ענין - "אין לו", נאר אדרבה, דערפון גופא איז א הכוחה אז בא זיי איז דא נאך א העכערער ענין, ובמילא איז פארשטאנדיק אז ח"ו צו זאגן אז זיי ווערן אן די עבודה שלמטה מזה - ס'מערניט אז בא זיי קומט צו **נאך** אן ענין.

עד"ז איז פארשטאנדיק אז דערפון וואס תורת חסד זאגט "אין מבטלין תשב"ר (פון זייער לימוד) אפילו לבנין ביהמ"ק" איז א הוכחה אז דאס איז א חסד און א טובה פאר זיי, און ניט נאר אז עס פעלט ניט בא זיי דער ענין פון בנין ביהמ"ק, ווארום זיי נעמען אויך אייגטייל אין דעם בנין ביהמ"ק, דורך זייער לימוד און זייער הנהגה אין אן אופן פון "תינוקות של בית רבן" (וואס על שם הנהגתם באופן זה, ווערן זיי אזוי אנגערופן) -

נאר אדרבה (דערפון וואס דאס איז א הוראה פון תורת חסד איז א הוכחה אז) בא זיי קומט צו נאך א העכערער ענין, ד.ה. אז זייער אנטייל אין דעם בנין ביהמ"ק איז נאך מערער פון דעם אנטייל וואס עס האבן די בונים בפועל.

און וויבאלד אז יעדער ענין פארבינדט מען דאך מיטן דין פון "טועמים מכל תבשיל ותבשיל בע"ש", אז עד"ז איז מען טועם פון מעין הענינים וואס וועלן זיין לעתי"ל, ע"י מעשינו ועבודתינו בזמה"ג בכלל, ובפרט אין עקבתא דמשיחא, און אין עקבתא דמשיחא - בסמיכות ממש לביאת המשיח -

ווערט אויך איצטער אויפגעטאן דער ענין פון בנין ביהמ"ק ע"י לימודם פון תשב"ר, ובפרט ע"י לימוד הלכות, ובפרט ע"י לימוד הלכות בית הבחירה, ווי גערעדט בארוכה בהתוועדות היום (סל"ה).

**יב.** יעדער ענין וויל מען דאך מקשר זיין מיט א דבר גשמי,

[איז זאגן די תינוקות של בית רבן אז גלייך יעצט, שבת'ע נאכט, זאלן זיי גיין אין חדר און זיך זעצן לערנען - אפילו אין שו"ע שטייט אויך ניט דער דין!

אע"פ אז מ'דארף מיט זיי לערנען סיי ביום און סיי בלילה, פונקט ווי די וואס זיינען שוין לאחרי בר מצוה דארפן לערנען סיי ביום און סיי בלילה (ווי אפגע'פסק'נט אין הל' ת"ת), ואדרבה דער עיקר לימוד איז גאר בלילה - "לא איברא לילה אלא לגירסא", עאכו"כ אז מ'האלט שוין נאך חמשה עשר באב,

ובפרט אז מ'פארבינדט חמשה עשר באב מיט יוה"כ, "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיוה"כ" (תענית כו, ב במשנה), וואס ענינו פון יוהכ"פ איז מ"ת, ווי ער זאגט אין דער משנה (שם) "ביום חתונתו - זה מתן תורה", און ווי רש"י (ד"ה זה מ"ת) טייטשט אפ, אז דאס גייט אויף "יום הכפורים שניתנו בו לוחות האחרונות", וואס די לוחות האחרונות זיינען דער ענין פון "כפלים לתושי'" ווי ער זאגט אין מדרש בארוכה (שמו"ר רפמ"ו, וראה שיחת ליל ט"ו באב ה'תשל"ט סמ"ב ואילך)].

דערפאר איז בנוסף לזה וואס זיי געפינען זיך בא דער התוועדות, און זיי הערן א פסוק, א מאמר חז"ל וואס מ'ברייגנט אראפ, וואס דעמאלט האבן זיי דעם ענין פון תורה -

זאלן זיי אויך זאגן "לחיים" צו אידן וואס געפינען זיך בסביבתם, און דורך זיי - צו כלל ישראל, וואס דאס איז אן ענין פון אהבת ישראל, דער ביטול סיבת הגלות, און אויך אן ענין פון צדקה ותפלה, אז ער בענטשט א אידן, און אלע אידן, און דורך זיי - אלע אידן פון גאנץ כלל ישראל במשך כל הדורות, ווארום א ציבור איז אן ענין נצחי (ווי די גמ' זאגט אין הוריות).

וואס דעמאלט האבן זיי [די תשב"ר וואס תורה פסק'נט אז זיי ווערן אנגערופן "משיחי"] אלע דריי קוין, דער ענין פון תורה, תפלה און צדקה, און אלע דריי בבת אחת, און אין א זמן וואס איז פארבונדן מיט דוד מלכא משיחא - אן עת רצון, און אין אן ארט וואס סיי מ'דאוונט און סיי מ'לערנט, א ביהכנ"ס - "בית גדול שמגדלין בו תפלה", א ביהמ"ד - "בית גדול שמגדלין בו תורה" - א מקום של רצון.

און דערנאך זאלן זיי אויך זינגען א פסוק (ווי עס שטייט "קומי רוני בלילה"), וואס בשעת מ'זינגט א פסוק מיט א ניגון של שמחה, האט מען כל הענינים ביחד, סיי א פסוק פון תורה, סיי אן ענין של שמחה, וואס דאס איז פארבונדן מיט דער גאולה,

ווארום "שמחה פורץ גדר", און די גאולה איז פארבונדן מיט "יוצאי חלציו של פרץ", און ווי ער זאגט אין מדרש אז "יעלה הפורץ לפניהם" גייט אויף מלכא משיחא.

וואס בצירוף כל הענינים ביחד, ווערט נאך מער נתוסף אין דעם שטורעם אויף אויפשטורעמען די לעצטע שיריים פון גלות,

און ברייגנען די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו - כפשוטה, למטה מעשרה טפחים, און אין אופן פון "מיד",

כן תהי' לנו.

(כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה להילדים לומר "לחיים", וענה "לחיים ולברכה!", ואח"כ צוה להם לנגן הניגון "ופרצת").

* * *

**יג.** מ'האט אויך אנגעהויבן צו רעדן אין דער התוועדות וואס איז געווען אין דעם זמן פון רעוא דרעוין, אז אזוי ווי מ'קומט פון חמשה עשר באב, וואס ווי ער זאגט אין סיום וחותם מס' תענית (לא, א) "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", אז פון חמשה עשר באב אן, איז כל המוסיף אין לימוד התורה - "יוסיף חיים על חייו" (בל' רש"י (ד"ה מכאן ואילך)), ד.ה. אז דער אויבערשטער אליין איז אים מוסיף שנים אין חיי שנותיו.

און ווי דער אלטער רבי ברייננגט דאס אראפ לפסק הלכה אין הל' תלמוד תורה שלו, קרוב לחותמם (פ"ד ה"ח), "ומט"ו באב ואילך יוסיף מעט מעט" -

איז בקשר לזה האט זיך גערעדט א הצעה מיוחדת ומסוימת (כדלקמן).

**יד.** וואס בנוסף צו וואס עס האט זיך גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות, זיינען דא נאך כמה פרטים,

וואס כדי די החלטות זאלן ארויסקומען בפועל, ובלשון הידוע עס זאל זיין א בכך בפועל, אין המעשה הוא העיקר - דארפן די החלטות זיין פארבונדן מיט פרטים, וואס דעמאלט איז לייכטער זיי צו מקיים זיין.

ע"ד ווי דער ענין ההתבוננות, איז כדי אז פון דער התבוננות זאל ארויסקומען א מעשה בפועל, דארף די התבוננות אראפקומען אין א החלטה און א בכך - אין אן ענין מפורט ומסוים.

וואס דערפאר איז ניט מספיק אז מען איז זיך מתבונן **בכללות** הענין, וואס דעמאלט איז די החלטה און דער בכך וואס קומען דערפון ארויס אויך כללות'דיקע - נאר בעיקר דארף מען זיך מתבונן זיין, לאחרי ובנוסף צו די התבוננות כללית, אויך אין אן ענין פרטי ומסוים (כמבואר בכ"מ, אנהויבנדיק פון שער ההתבוננות [אדער ווי מ'רופט אים איצטער אן - שער היחוד]).

**טו.** וואס דערפאר האט מען אין דער פריערדיקער התוועדות אויך גלייך ארויסגענומען כמה פרטים בנוגע לפועל, פארבונדן בעיקר מיט תינוקות של בית רבן און מיט בנים ובנות בכלל.

ביז אז עס זאל זיין אין אן אופן, ווי ער זאגט אין דער הפטרה פון דעם שבת - כ"ף אב (בקביעות ש.ז.) "והביאו בניך בחוצן ובנותיך על כתף תנשאנה".

ווארום מה-דאך אז "גוים" און "עמים" דארפן דאס טאן (ווי ער זאגט אין דער הפטרה "הנה אשא אל גוים ידי, ואל עמים ארים נסי, והביאו בניך וגו'"), איז עאכו"כ אז יעדער איד דארף טאן אין דערויף, ובמיוחד דער פאטער און די מוטער, דער זיידע און די באבע, און די אלע קרובים.

אויף ברייננגען די "בניך" "ובנותיך" צו "ציון" (ווי דערמאנט גלייך בתחלת ההפטרה), וואס "ציון" ווי דאס איז אין רוחניות, גייט דאס אויף יחידה שבנפש (ווי פארשטאנדיק פון דעם דרוש אויפן פסוק "ציון במשפט תפדה" אין לקו"ת), עכ"פ אויף פנימיות הנפש.

און ע"י מעשינו ועבודתינו איצטער, ווערט דאס א הקדמה קרובה, צו ברייננגען זיי אין "ציון" כפשוטו, אין "מקדש אדנ' כוננו ידיך", און אין ירושלים בכללותה, וואס זי ווערט אויך אנגערופן "ציון", ווי גערעדט אלע פרטים פריער.

**טז.** ע"ד ווי מ'האט גערעדט בארוכה בנוגע צו די וואס זיינען נאך פאר דער זמן פון "בן עשרים לרדוף", האט מען אויך גערעדט בנוגע די וואס זיינען שוין נאך דעם זמן.

וואס עס זיינען דא די וואס האלטן אין דער תקופה פון "בן עשרים לרדוף", וואס בא זיי איז דער "לרדוף" אין עניני פרנסה, אין אן אופן המותר ע"פ שו"ע, עד"ז אין דעם זמן פון "בן שלשים לכח", און "בן ארבעים לבינה",

[בדוגמא ווי די עבודת הלויים אין משכן וואס איז געווען פארבונדן מיטן זמן פון "בן שלשים" ביז "בן חמשים"].

איז זעלבסטפארשטענדליך אז זיי דארפן אויך מוסיף זיין אין לימוד התורה, ווי די גמ' (יומא לה, ב) זאגט "רבי אלעזר בן חרסום מחייב את העשירים", און ווי די גמ' דערציילט דארטן דער גודל ההפלגה פון די ריבוי נכסים און עסקים וואס ער האט געהאט, און ווי פארשטאנדיק פון דער מספר המעשר וואס ער האט געגעבן, און אעפ"כ האט ער שוקד געווען אין לימוד התורה.

און וויבאלד אז דאס ווערט דערציילט אין תורה (מל' הוראה), ווערט דאס א הוראה, אז דורך די שקידה וואס ר"א בן חרסום האט געהאט אין לימוד התורה, ווערט ער א "מחייב את העשירים" (- עשירים כפשוטו, ווי דער אפטייטש איז דארטן).

און אע"פ אז לויטן שו"ע ווי די דינים שטייען אין הל' ת"ת, קען ער געפינען אן אויסרייד אויף ניט דארפן מוסיף זיין אין לימוד התורה - איז אבער נאך דערויף וואס ער ווייסט וועגן די הנהגה פון ר"א בן חרסום, און עס ווערט אויך אראפגעבראכט אין שו"ע, אין הל' ת"ת -

ווערט דאס א חיוב פאר יעדערן עד סוף כל הדורות, אז ביי אים זאל אויך אזוי זיין די הנהגה, עכ"פ מעין זה.

**יז.** דערנאך איז ווי ער רעכנט אויס ווייטער אין דער משנה (בסיום וחותם הפרק פון דער שבת), הויבן זיך אן די זמנים פון "בן חמשים לעצה, בן ששים לזקנה, בן שבעים לשיבה".

אדער ווי עס שטייט אין נשמתא דאורייתא - אין תקוני זהר (און אזוי ווערט אויך אראפגעבראכט אין מאורי אור, אין כתבי האריז"ל, אין סידור האריז"ל, אז "בן חמשים לזקנה, בן ששים לשיבה", ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (בייטאג) בארוכה.

איז אט די וואס האלטן שוין בא דער תקופה פון "בן ששים לזקנה", און נאך פאר דערויף, בא "בן חמשים לזקנה" - לויט ווי ער זאגט אין תקוני זהר [אדער נאך פאר דערויף, בא "בן ארבעים לבינה"] -

דארף בא זיי שטיין בהדגשה דער ענין פון מוסיף זיין אין לימוד התורה, נאך מער ווי בא די וואס זיינען "בן עשרים לרדוף, בן שלשים לכח (בן ארבעים לבינה?)".

ווארום זיי זיינען דאך פנוי פון עסקים אין ענייני פרנסה, עכ"פ ניט אזויפיל פארנומען ווי די וואס זיינען נאך אין דער תקופה פון "בן עשרים **לרדוף**" און "בן שלשים **לכח**", נאר זיי זיינען שוין געקומען צו דער תקופה פון ["בן ארבעים **לבינה**".

[וואס בא זיי איז דא א ספּעציעלע פארבינדונג מיט לימוד התורה, און לימוד התורה אין דעם העכסטן אופן - "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא", ווי ס'איז מוכח פון דעם וואס דעמאלט (ווען ער ווערט "בן ארבעים") ווערט ער א "ראוי להוראה", (אולי צ"ל: וואס דערפאר פארבינדט מען דער ענין פון "בן ארבעים לבינה" מיט דעם ענין וואס נאך ארבעים שנה איז "קאים אדעתא דרבי'", אז ער ווערט א "ראוי להוראה"?), (וכמבואר במפרשי הש"ס ובפוסקים, און אין שו"ע יו"ד, ובמפרשים על הפוסקים)].

עאכו"כ צו דער תקופה פון] "בן חמשים", "בן ששים" - **"לזקנה"**,

איז עאכו"כ אז בא זיי דארף זיין דער ענין פון מוסיף זיין אין לימוד התורה.

און מוסיף זיין אין אן אופן לפי"ע, ווי לעדער איינער ווייסט וויפל ער קען בא זיך מאנען, און דערנאך זאל ער מוסיף זיין אין אן אופן פון "ופרצת", ער זאל פורץ זיין זיינע חשבונות, און מדידות והגבלות.

און דורך דערויף וואס ער וועט בא זיך פורץ זיין זיינע מדידות והגבלות אין מוסיף זיין אין לימוד התורה, וועט דאס אויך מוסיף זיין און פורץ זיין די מדידות והגבלות אין דעם מוסיפין לו פון דעם אויבערשטן, אין דעם "יוסיף חיים על חייו", ווי די גמ' זאגט אין סיום וחותם מס' תענית, אין דער סוגיא וואו עס רעדט זיך וועגן חמשה עשר באב און יוהכ"פ, [וואס צווישן די טעג וואס זיינען בין חמשה עשר באב ויוהכ"פ איז אויך דער טאג פון עשרים באב, וואס פון אים איז דא א לימוד מיוחד (כדלקמן)], אז "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף".

**יח.** נוסף להאמור לעיל בנוגע צו די הוספה אין לימוד התורה, קומט צו אין דערויף א לימוד מיוחד פון דעם טאג פון עשרים באב, פארבונדן מיט אהבת ישראל:

דער טאג פון עשרים באב ווערט (אויך) דערמאנט אין דעם סיום פון די משניות אין מס' תענית, בקשר מיטן ענין פון "זמן עצי כהנים והעם" און מיטן קרבן עצים (כנ"ל (ס"א) וכמדובר כמ"פ בארוכה), (ראה בכל הבא לקמן: לקו"ש ח"ד ע' 1103 ואילך; ח"ט ע' 86 ואילך; שיחת ליל ט"ו באב ה'תשל"ט ס"ז-ט. **ועוד**)), אז עשרים באב איז איינער פון די זמנים וואס איינע פון די משפחות האבן זיך מתנדב געווען צו ברייגגען עצים למערכה, וואס דאס איז דאך אן ענין פון צדקה, דער ענין פון אהבת ישראל.

נאך מער: זיי האבן עס מנדב געווען צו דער "לשכת העצים", וואס פון דארטן האט מען גענומען די עצים פאר אלע קרבנות, פון אלע אידן, וואס מ'האט מקריב געווען על המזבח, במילא האבן זיי ניט געוואוסט ווער וועט זיין דער וואס וועט עס נוצן.

און אויך דער איד וואס האט געבראכט דעם קרבן, האט ניט געוואוסט פון וואנעט זיינען די עצים וואס מ'האט גענומען פאר זיין קרבן פון "לשכת העצים" - ממי קבלם.

וואס דאס איז דאך דער העכסטער אופן פון צדקה, וואס דאס באווייזט אויפן העכסטן אופן פון אהבת ישראל.

**יט.** ס'קומט נאך צו א הדגשה מיוחדת אין דעם ענין פון אהבת ישראל - פון דעם טאג פון עשרים באב (דוקא):

די גמ' (תענית לא, א. וראה ב"ב קכא, ב) זאגט, "מחמשה עשר באב ואילך תשש כחה של חמה ולא היו כורתין עצים למערכה לפי שאינן יבשין", וואס דערפון זעט מען אז ווען ס'איז געקומען עשרים באב האט מען שוין ניט געקענט גיין שניידן נייע (גוטע) עצים.

וואס אין דערויף איז באשטאנען די מעלה פון די וואס האבן געבראכט עצים בעשרים באב, אויף די וואס האבן געבראכט אין די פריערדיקע זמנים, כולל אויך בחמשה עשר באב.

ווארום בחמשה עשר באב אליין, האט מען נאך געקענט גיין שניידן נייע עצים, און ווי ס'איז מוכח פון לשון הרשב"ם (ד"ה מניסן, ב"ב שם) "שבאותו יום היו **משלימין** מצוה גדולה", ד.ה. אז אין דעם טאג אליין האט מען אויך געשניטן עצים, און דערמיט האט מען **משלים** געווען דער ענין פון כריתת עצים -

במילא איז די משפחות וואס האבן געבראכט עצים אין די זמנים פון באחד בניסן ביז בחמשה עשר באב, האבן טאקע געטאן א גרויסע מצוה, ווי די מצוה פון צדקה -

זיי האבן אבער נאך געהאט צייט און אן אפשריות אויף לויפן צום וואלד שניידן נאך עצים;

משא"כ ווען ס'איז געקומען דער זמן העצים שלאח"ז, בעשרים במנחם אב, איז שוין ניט געווען די מציאות פון גיין שניידן עצים, און פונדעסטוועגן האט די משפחה זיך מתנדב געווען און אוועקגעגעבן זייערע עצים אין דער לשכה.

וואס דאס איז איינער פון די זאכן וואס מ'לערנט ארויס פון עשרים באב, אויף וויפל עס דארף זיין די הדגשה אין דעם ענין פון אהבת ישראל, ווי גערעדט שוין אמאל בארוכה.

און אויך איבערגעדרוקט יעצט לכבוד פון דעם שבת (נדפס במכ"ע) און אין אן אופן אז דאס קומט אן אויך צו אזא איד וואס קויפט דעם צייטונג צוליב ליינן וועגן אנדערע ענינים - להבדיל, ובמילא האט ער קיין ברירה ניט און געפינט דארטן אויך דעם ענין.

ואדרבה - עס ווערט ביי אים נתעורר די נקודת היהדות וואס איז גאנץ בא יעדער אידן, "באמנה היתה אתו" (ל' התניא), אז ניט קוקענדיק אויף וואס אים פלאגט (?) און אויף וואס ער וויל זוכן אין דעם צייטונג - איז בפנימיות אבער וויל ער דארטן געפינען אן ענין וואס וועט אים ארויסהעלפן, אדער באווייזן די וועג ווי אזוי צו ממלא זיין רצונו האמיתי - דער רצון פון דעם אויבערשטן, וואס דאס איז ע"י לימוד התורה וקיום מצוותי'.

כ. פון דעם אלעם איז פארשטאנדיק, אז ס'דארף זיין א הוספה אין לימוד התורה, במיוחד בא די וואס זיינען עלטער פון "בן חמשים" וכו', כמדובר לעיל (סי"ז), און דאס זאל זיין פארבונדן מיטן ענין פון אהבת ישראל.

וואס דאס איז אויך געווען די הצעה: כדי דאס זאל זיין אין אן אופן וואס האט א גרעסערן קיום, דורך דערויף וואס דאס וועט זיין א ת"ת ברבים,

וואס דאס איז דאך בכלל שלא-בערך פון ה"ת דיחיד, ווי פארשטאנדיק אויך פון הלכות ת"ת,

עאכו"כ אז עס וועט זיין ניט רבים וואס מיעוט רבים איז שנים אדער שלשה, נאר עס וועט זיין עדה, וואס דאס איז אן "עדה קדושה" – "עשרה שיושבין ועוסקין בהורה", אדער כו"כ פעמים עשרה.

און די החלטה בזה וועט אויך זיין ע"י רבים, וואס דעמולט האט דאס א שטארקערן תוקף, כמבואר באריכה אין קונטרס "ההלצו".

לאחרי זה קען דאך זיין די מעשה בפועל בכמה אופנים – דארף מען דאך אויך זוכן אן אופן אז דאס זאל זיין מעדער בתוקף דער קיום שבדבר –

איז בשעת מ'מאכט אין אן אופן פארבונדן מיט אן איגוד של רבים, און פארבונדן מיט א החלטת הרבים, און מ'גיט דאס א נאמען, און דערנאך גיט מען אויך אז יעדער משתתף באקומט פון דארטן עניין של זהב וכסף ונחושת,

און אין דערויף ניט פראווען קיין קונצן, נאר נעמען דאס כדי דאס זאל אים מחייב זיין און מזכה זיין און געבן די מעגלעבקייט אויף אפ-שלאגן די טענות און די בלבולים, אז מ'וועט קומען צו אים צוגייען און זאגן: היתכן אז ער גייט צו דעם שיעור וואס מ'האט קובע געווען – בשעת ער האט אן עניין אין "משאו ומתנו באמונה" –

האט ער דעם ענטפער, אז וויבאלד אז מ'צאלט אים דערפאר און ער האט הנאה געהאט, עכ"פ א פרוטה, איז דאך אבער מיט א פרוטה קונה הוי' נפשו, עאכו"כ אויב דאס וועט זיין ח"י פרוטות, אדער ח"י שקלים, אדער אין אן אנדער מטבע פון כל מדינה ומדינה –

האט ער דעמולט אן ענטפער פאר דעם "א-ל זר אשר בקרבך", און האט אויך אן ענטפער פאר די מלעיגים אדער מבלבלים וואס ווילן אים אפהאלטן און מבלבל זיין בזה:

אז אזוי ווי ער האט גענומען די געלט, און האט אזיסגענוצט די געלט כפי רצונו – מוז ער אנהאלטן זיין התחייבות וואס ער האט אויף זיך גענומען, וואס באמת איז דאס ניט קיין היוב נאר א זכות, כמדובר לעיל, און זיך משתתף זיין אין דעם לימוד השיעורים.

וואס דערפאר האט מען אויך מציע געווען, אז דאס זאל אנגערופן ווערן בשם "כולל",

וואס "כולל" האט אין זיך אויך אן אפטייטש, אז ס'איז ניט סתם א כלל, נאר דאס איז א כלל וואס איז כולל אין זיך און ציט צו זיך אריין נאך כו"כ,

וואס הצלחה אין תורה איז דאך אויך פארבונדן ווען דאס איז ניט נאר ללמוד, נאר אויך, ווי עס גייט גלייך נאך דערויף: "ללמוד וללמד"; אדער ער לערנט מיט דעם צווייטן אליין, אדער ער ציט אים אריין אין דעם "כולל", איז ע"י זיין השהדלות ווערט יענער אויך א לומד, במילא ווערט ער אנגערופן, וואס ער האט גע'פועל'ט אויף צווייטן אז ער זאל לערנען – איז ער דער אט דער וואס האט ללמד.

ובפרט נאך אז "מאיר עיני שניהם הוי'": וויבאלד אז יענער איז א

חדש און ער איז שוין פון פריער - איז ער אים מבאר ענינים וואס ער ווייס פון א פריערדיקן לערנען, און דער וואס איז ערשט נצטרף געווארן ע"י השתדלות שלו ווייס נאך ניט, און ער איז דאס אים מאיר עיניו און ער איז אט דער וואס איז אים מלמד אין אט דעם ענין.

מ'האט אויך מציע געווען,

צוליב דעם ענין פון אהבת ישראל, אז דאס זאל פארבינדן כו"כ אידן צוזאמען, אע"פ וואס מ'געפינט זיך בריחוק מקום -

אז מ'זאל האבן דעם זעלבן נאמען, במילא דעמולט, ווי מ'זעט בטבע האדם, איז אז מ'ווייס אז מ'געהערט צו א כולל וואס האט דעם זעלבן נאמען - פילט מען זיך מער פארבונדן, ווי מ'זעט דאס בפועל אין טבע האדם,

און מ'האט אויך מציע געווען:

אז ס'איז דאך דא דער לשון "תפארת בחורים", און ס'איז געווען פארבונדן מיט א זמן פון "צוק העיתים", וואס מ'האט דעמולט אפגעריסן אט די וואס האבן ניט געהאט קיין מעגלעכקייט צו לערנען אין א ישיבה, ווארום ס'איז ניט געווען קיין ישיבות, אדער ס'איז געווען בריחוק מקום אדער מערניט ווי אין שעות קבועות וכיו"ב -

אז אין דעם זמן וואס זיי זיינען פנוי לאחרי עבודתם, זאלן זיי זיך צוזאמענקלייבן ביחד ובצוותא און לערנען צוזאמען תורה.

זאל מען עד"ז, אז אע"פ וואס מ'געפינט ניט אין פסוק דעם לשון "תפארת זקנים"; אין פסוק שטייט דער לשון "עטרת זקנים" -

וויבאלד אבער אויף פארבינדן דאס אז דאס זאל זיי אויך דערמאנען ווי אזוי ס'איז נתייסד געווארן "תפארת בחורים" אין אזא הורה מעוני -

עאכו"כ אז דער אויבערשטער האט אוועקגעשטעלט אין אן אופן של הרחבה - אויף וויפל ס'דארף בולט זיין דער ענין וואס איז פארבונדן מיט "תפארת בחורים", ווי ס'איז דעמולט געווען, במידנה ההיא ובמצב ההוא - "מדינה קשה" און "מלך קשה" מיט אלע פרטים ווי ס'איז ידוע לכל ולכול.

און "עטרת" און "תפארת" האט דאך א שייכות, ובפרט וואס איז פאר-בונדן מיט זקנה ושיבה, ווי דער לשון הכתוב וואס ווערט געבראכט אין דעם פרק וואס מ'גייט לערנען פון דעם שבת, פון דעם זונטיק - אט די אלע פסוקים: "תפארת בחורים כחם", "עטרת זקנים בני בנים", און אויך דער פסוק "עטרת תפארת שיבה".

וואס דאס איז דאך, כמדובר, פארבונדן מיט "זקנים", וואס ס'איז דא די סברא אז דעמולט איז ער א "זקן" אדער א "שיבה", ווי גערעדט פריער דער חילוק פון הקוני זהר: לויטן שו"ע און נוסח המשנה איז "בן שבעים לשיבה", און "בן ששים לזקנה", און לויטן הקוני זהר איז "בן ששים" איז דאס שוין אויך שיבה.

וואס דאס הייסט בפשטות, אז מ'זאל מתקן זיין, ומה טוב - אנהויבן ווי מ'האט געוואלט גלייך קומענדיק פון שבת רעדן וועגן דעדויף בשבת מיט כמה פרטים, און דערנאך זאל אויך זיין דער המשך אין דעם מוצאי שבת שלאחרי זה,

וכמדובר, וואס איצטער הערט מען דאך בבת אחת אויך בכמה מקומות, האט דאך דאס אויך דעם צירוף הרבים, און אויך "אל תפרוש מן הצבור"

דערפאר וואס "זכותם" איז "מסייעתם" - במילא אז עס איז א גרעסערער צבור איז דאס א גרעסערער זכות,

און אין די ענינים, כמדובר בארוכה אין דער פריערדיקער ההוועדות איז דאך ניט נוגע אז עס זאל זיין דוקא ווי דאס איז בא קריאת המגילה וכיו"ב, מפי האדם, ניט דורך אריינגעמישט אינמיטן אן ענין של מהכת וכיו"ב, משא"כ ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ידיעה הדברים, וואס דאס ווערט דאך איבערגעגעבן מיטן גאנצן דיוק אויך ווען ידי מהכה באמצע - איז האט דאס אויך אין זיך די מעלה וואס דאס איז מצרף כו"כ ביחד.

וואס דאס איז דאך אויך פון די הוספה וואס קומט-צו דורך אט דער התוועדות, נוסף על האמור לעיל, אז נוסף אויף דעם פרסום, אז מ'הערט דאס גלייך בבת אחת וועגן דער גאנצער הצעה ובקשה, ובקשה מיט כל עשר לשונות של בקשה ותפלה, אז מ'זאל דאס ניט אפלייגן, ווארום "יפה יום אחד קודם און שעה אחת קודם, און ווי אין ענינים פון ה"ת - יפה רגע אחד קודם,

אויף גלייך מחליט זיין און מייסד זיין אזא ענין,

און איך שטעל זיך ניט בדיוק אז מ'וויל דעם נאמען א צווייטן נאמען - אבי עס זאל זיין אן איגוד כו"כ ביחד, אבער מה טוב אז אויך מוסיף זיין בזה די מעלה פון איגוד כו"כ, אע"פ וואס מ'איז בריחוק מקום - דורך דערזיף וואס מ'וועט האבן דעם זעלבן נאמען, און שמו אשר יקראו לו בלה"ק איז דאך דער שם מהוה ומחי' ומקיים, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין אנהויבס פון שער היחוד והאמונה,

וכמדובר - אויך מיט אט די פרטים וואס זיי זייגען מוסיף אין דעם קיום און אין דעם תוקף הדבר, אז עס זאל זיין אן ענין וואס איז א לימוד בתורה, זאל אויך זיין א לימוד בהורה דער זעלבער, עכ"פ איינער פון די לימודים - זאל זיין איינער וואס ער איז א צד השוה אין די אלע כוללים,

וואס אין דערויף קען דאך זיין, מצד דערויף וואס "אין דיעותיהן שוות" קען דאך זיין פארשידענע-ערליי סברות וואס זאל זיין דער לימוד השוה לכולם -

וואס דערפאר איז מען אויך מציע, אז ס'איז דא אן ענין בתורה וואס ע"פ דין איז ער א שוה פאר גאנץ כלל ישראל בכל זמן וזמן לפי ענינו, וואס דאס איז - די פרשת השבוע.

וואס ס'איז דאך געווען זמנים ווען ס'איז געווען די שתי סדרים, אדער מסיים זיין די קריאת התורה בכל שנה ושנה, אדער בשלש שנים, אדער שלש שנים וחצי, ווי די גירסאות בזה אין סוף מגילה, און אויך ווי דער רמב"ם ברענגט דאס אויך אראפ אז ס'איז נאך געווען בימיו און ער ברענגט דאס אראפ בספרו "משנה תורה",

איז דאך אבער איצטער, בימינו, כפי כל הידיעות, איז פשטה בכל ישראל, מסיים זיין די תורה, קריאת התורה, במשך א שנה, ביז צו שמחת תורה, וואס דעמולט איז דער סיום און אויך די התחלה בבת אחת - "נעוץ סופן בתחילתן ותחילתן בסופן" ומתכיף סופה לראשיתה.

זאל זיין אנגענומען אין די אלע כוללים, נוסף על שאר הלימודים, זאל אויך זיין, עכ"פ א משך זמן, א לימוד אין פרשת השבוע.

וואס פרשת השבוע, כאטש דאס באשטייט פון כמה פסוקים ופרשיות -

איז ווערט דאך אבער אנגערופן יעדער פסוק אז דאס איז א פסוק פון פרשה עקב אדער פון פרשה ראה וכיו"ב, איז דאס גופא שוין מאחד, אע"פ וואס במקום אחד וועט מען לערנען די פסוקים פון דער פרשה ובמקום שני אנדערע פסוקים פון דער פרשה, איז שווער צו מגביל זיין און מגדיר זיין און בינדן אין פרטי פרטים, אז אומעטום זאל מען לערנען דעם זעלבן פסוק! משא"כ אבער ווען עס רעדט זיך וועגן פרשת השבוע, וואס אט דעמולט ווייס מען דאך פון קריאת התורה בשני ובחמישי וביום השבת אז דאס איז שוה בכל תפוצות ישראל.

און זעלבסט-פארשטענדלעך, אז די וואס ווילן אננעמען דעם סדר ווי נשיא דורינו האט איינגעשטעלט אין שיעורי חת"ת, אז כל יום ויום איז פארבונדן מיט א חלק מסויים בסדרה, אז ביום ראשון - התחלת הפרשה ביז שני, ועד"ז אין די ימים שלאחריו, וועט דאס אויך זיין א הוספה אין דעם יחוד אויף דעם איחוד הקודם - אז ניט נאר עס וועט זיין אין דער זעלבער פרשה; עס וועט אויך זיין אין דעם זעלבן חלק פון דער פרשה,

וואס דאס דארף מען דאך ניט פרעגן וואו און וואס דאס איז - אלע ווייסן וואו ס'איז פון התחלה ביז שני; וואו ס'איז פון שני ביז שלישי וכיו"ב.

וכמדובר אויך פריער, אז כדי עס זאל זיין דער "חוט המשולש" און די שלשה דברים שעליהם העולם עומד, וואס דאס איז דאך כולל אין זיך "עולם" כפשוטו, אז די וועלט זאל זיך אויפהערן שאקלען, ובפרט אין אזא אופן ווי די שאקלט זיך איצטער, אז ס'איז גאר אין אן אופן וואס אין להעלות על הדעת, ס'איז מבהיל את הרעיון ווי אזוי ס'שאקלט זיך די וועלט! דארף מען דאך האבן די שלשה דברים וואס עליהם העולם עומד פאר דעם עולם כפשוטו,

עד"ז אויך פאר "עולם קטן זה האדם", ו"אתם קרויין אדם", ע"ש "אדמה לעליון",

זאל דאס אויך זיין דער לימוד פארבונדן מיט א תפלה אדער לפני הלימוד אדער לאחרי הלימוד,

וואס דאס הענגט אפ אין וועלכן זמן אין טאג דאס וועט זיין: צי דאס איז נאענט צו תפלת שחרית, וואס דעמולט קען ניט זיין דער לימוד ושיעור לפנ"ז, אדער דאס איז תפלה מנחה אדער תפלת מעריב, וואס דעמולט קען דאס זיין איןביידע אופנים, אדער לפניהם, לפני התפלות, אדער לאחרי התפלות.

און זאל אויך זיין פארבונדן מיטן דריטן "עמוד", וואס דאס איז דער עניך גמ"ח וצדקה, אז בימות החול, "ימי המעשה", זאל שטיין אויפן טיש א קופת צדקה (א צדקה-פושקע), כדי דאס זאל דערמאנען אויפן געבן צדקה, וועט דאס זיכער מעורר זיין אז יעדערער פון די משתתפים אין דעם שיעור וועט תורם זיין אין דער קופת צדקה,

און אויך, אויב מ'וויל נאך מוסיף זיין אויף מייסד זיין יעדער כולל א קרן פון גמ"ח - איז אט דעמולט האט דאך דאס א פעולה נמשכת אפילו אויף ימי השבת און יכי הימים טובים וכו', וויבאלד אז דער מקבל פון דעם קרן גמ"ח נוצט דאס אויך אויף זיינע ענינים ביום השבת אדער ביום היו"ט.

וכמדובר, די נקודות עיקריות בדבר איז, אז עס זאל זיין דער "כל המוסיף - יוסיף", און עס זאל זיין א שם משותף לכולם, וואס בשכל לייגט



הנחה פרטית בלתי מוגה

זיך אז דער נאמען פון "כולל" וועלן אלע מסכים זיין, ומה טוב מ'זאל אויך מסכים זיין אויפן נאמען פון "תפארת זקנים",

בפרט נאך ווי די גמרא זאגט זאגט קרוב לכיום וחוהם פון מסכתא ברכות, און זאגט דאס בשם פון ר"ע, וואס ער איז דאך "כולהו אליבא דר"ע" - דער מקור און דער יסוד און אליבי' גאנץ תושבע"פ, וואס ער דרש'נט דארטן, "הגדולה והגבורה וההפארה", און ר"ע טייטשט אפ, מתניהא בשמי' דר"ע, "וההפארת - זה מתן תורה",

וואס אע"פ וואס דא רעדט זיך וועגן די אלע דריי ענינים, אבער דער עיקר און די סיבה איז דאך דער ענין פון מתן תורה, וואס מ"ת הזר'ט זיך איבער ווען "ת"ח קורא ושונה" איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו"!

וואס דערפאר איז דאך "מה להלן באימה וביראה וברתה ובזיע" אזוי איז אויך בא לערנען תורה בכל מקום ובכל זמן ובאיזה אופן שיהי', ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר בארוכה.

וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס די הצעה איז איינגעפאלן אין דעם טאג פון עשרים במנחם-אב, וואס דאס איז דאך פארבונדן, כמדובר, מיטן יאר-צייט -

איז זעלבסט-פארשטענדליך אז דאס איז מן היושר, און עס וועט זיין א נחת רוח גדול, אז נוסף צו דעם שם הכללי וואס דאס איז "כולל" און אויך "תפארת זקנים" (וואס דאס איז אויך כולל אין זיך "עטרת זקנים") - זאל אויך זיין מצורף, עכ"פ באיזה אופן שיהי', אויך דער נאמען פון דעם בעל היאר-צייט: "כולל" מיט די צוויי ווערטער, וואס דאס איז א שם אחד,

ובפרט נאך אז מסר נפשו על הפצת ההודה און הפצה דמצוות וואס זיינען פארבונדן מיט תורה,

און דער ענין פון "לוי" איז דאך, ווי געזאגט אין דער סדרה פון דעם שבת, "לשאת את הארון",

וואס דאס איז אויך דער ענין פון "יצחק", וואס ענינו איז דאך געווען "צחוק עשה לי אלקים", און אזוי ווי "אברהם זקן ויושב בישיבה" און "יעקב זקן ויושב בישיבה" - אזוי איז אויך "יצחק זקן ויושב בישיבה";

בשעת עס ווערט אבער נעענטער צו דעם זמן הגאולה, ביז ווי דאס איז בקדוב ממש - וואס אט דעמולט זאגט מען דאך אז "אברהם לא ידענו", ועד"ז בנוגע צו יעקב, און מ'וועט זאגן ליצחק "כי אהה אבינו",

האט דאס אויך דעם ארט אין דעם "זקן ויושב בישיבה" - פארבינדן דאס אויך מיטן ענין פון "יצחק".

ובפרט נאך לויט ווי מ'זעט די עבודה פון יצחק'ן איז דאך געווען, אז ער איז געווען א חופר בארות, און אויך דער ענין פון צדקה, אז "ויזרע בארץ ההיא ובשנה ההיא ויברכהו ה'" און ס'איז געווען "מאה שערים", און חז"ל זיינען מפרש, און רש"י ברענגט דאס אראפ אין פשוטו של מקרא, אז וואס איז דא אזוי די התפעלות פון א ברכה אז ס'איז געווען מאה פעמים וויפל דער זרע הנזדע? און מ'איז מסביר, אז צום אלעם ערשטן, דאס איז געווען "בארץ ההיא ובשנה ההיא" - אן ארץ קשה און א שנה קשה, און די מאה איז דאס געווען למעשר, דאס הייסט אז ס'איז געווען בפועל אלף פעמים!

וואס דאס איז דאך אויך ווי גערעדט פריער: דאס פארבינדט ביידע ענינים: מ'דארף חופר זיין דעם באר, אויף אדויסנעמען יעדער אידן און

אלע אידן פון דעם בירא עמיקתא, פון דעם גלות, וואס דאס איז דורך דעם וואס מ'איז חופר דעם "באר" וואס איז דא בא יעדער אידן – "באר מים חיים", וואס דאס גייט דאך אויף יעדער אידן, מ'דארף זיך נאר "דערגראבן" צו זיין פנימיות הנפש, און זען אז די זאל דערנאך עולה זיין פון פנימיות הנפש ביז דאס וועט פועל זיין און דורכנעמען זיין מחשבה דיבור ומעשה בפועל, זאל דאס זיין דורכגענומען מיט זיין פנימיות הנפש,

און אט די עבודה במיוחד – אט דאס איז געווען די עבודה פון יצחק'ן, וואס ער איז איינער פון די ג' אבות פון כל אחד ואחת מישראל,

וכמדובר בארוכה, מיוסד אויף דער תורה פון דעם אלטן רבי'ן, אז בנוגע צו דער עבודה פון שבטים איז "כל אחד במסילתו יעלה", אז ס'איז דא אזא וואס עבודתו איז אין אן אופן פון ראובן, און ס'איז ניט קיין הכרח אז ער זאל אויך האבן אן עבודה פון שמעון;

משא"כ אבער בנוגע צו די ג' אבות, איז דאס א הכרח און ס'איז נוגע צו די עבודה פון כל אחד ואחת אז ביי אים זאל זיין פון עבודתו של אברהם און פון עבודתו של יצחק און פון עבודתו של יעקב.

בפרט באך אז מ'ווערט נעענטער צו ראש השנה, כמדובר אמאל בארוכה אז חמשה עשר באב איז געווען אזוינע וואס האבן שוין דעמולט אפגעגעבן א ברכת כתיבה וחתימה טובה, און מ'האט דאס פארבונדן אז דאס איז בגימט' חמשה עשר באב איז בגימטריא כתיבה וחתימה טובה, ווי געדעדט אמאל באדוכ בארוכה אין א פארברייטערן, און שוין דאבט זיך געדרוקט אויך,

איז בנוגע צו ר"ה געפינט מען אז ער זאגט אין זהר, אז דאס וואס מ'טוט-אויף בר"ה, וואס "מצות היום בשופר" – ווערט דאס אויפגעטאן דורך אזא אופן אז באמצע געפינט זיך יצחק, און דערנאך איז אברהם ויעקב פון די ביידע צדדים.

וואס דאס איז דאך אויך מובן ע"פ המבואר אין סידור אין ד"ה "להבין ענין תק"ש ע"פ כוונת הבעש"ט", אז דוקא דורך יצחק'ן קומט ארויס א שנה מבורכת מצד תגבורת החיות, משא"כ משה און אברהם און יעקב מיט די אלע ענינים, וואס דערפאר האט יעקב געמוזט אנקומען צו ברכת יצחק,

און דערנאך חזר'ט זיך דאס איבער מידי שנה בשנה, אז יצחק באמצע און אברהם מימינו און דערנאך איז יעקב פון דעם צווייטן זייט.

וואס דאס איז אויך, כמדובר, אז די וואס ווילן, און דאס איז בגדר פון א יושר – אויך מוסיף זיין צו דעם נאמען אויך די ווערטער פון כולל "לוי יצחק", איז דאס א דבר הכי טוב והכי נכון וכו'.

און מ'גייט דאך איצטער אויך, לאחרי ווי מ'וועט אנהויבן דעם לימוד אין דעם כולל – אויך דערנאך די מגבית פון לוי יצחק, כנהוג בכמה שנים וועז דאס איז בימי המעשה,

– ווען עס קומט-אויס ביום השבת דארף מען דאך דאס אפלייגן אויף נאך דערויף – טוט מען דאס איצטער במוצאי שבת,

וועט מען אויך זיך משתתף זיין פון דעם "קרן" אין יעדער כולל וואס וועט נתייסד ווערן בכל מקום שהוא מיט א מספר וואס דאס איז, לדעהי, עכ"פ דער הכי קטן וואס מ'דארף געבן יעדער משתתף בכולל, פון ח"י שקלים, אדער אן אנדער מטבע, בכל מדינה ומדינה לפי ענינה,

וועט מען זיך אויך משתתף זיין בשעה מ'וועט מודיע זיין בזה אז מ'איז זיך מצטרף, און דאס הייסט בשם "כולל תפארת זקנים" – זיך אויך

משתתף זיין פון דער קופה אויך לכה"פ פאר דעם ערשטן און פאר דעם עדשטן צאלונג צו איס, וואס דאס איז ח"י שקלים,

ועד"ז אט די וואס וועלן אויך מצרף זיין אויך דעם נאמען פון כולל "כולל לוי יצחק" (נוסף אויף דעם שם הכללי פון "תפארת זקנים" אדער שם הפרטי פון "תפארת זקנים", ביידע אבער עכ"פ זאל זיין דער נאמען אויך) - משתתף זיין אין א מספר פון "מאה שערים", פון מאה שקלים במטבע מדינה זו וואו עס ווערט געמאכט איצטער די "מגבית".

וואס דאס איז, כמדובר לאחרי אריכות הדיבור ווערט דאך אמאל פאר-לארן די נקודה, ובפרט נאך אז מ'יאגט זיך ניט אזוי שטארק אויף גע-דענקען דאס על מנת אראפברענגען דאס בפזעל, מיט כל הפרטים והדיוקים וההתחייבויות שבזה, וואס כאמור איז דאס ניט אן ענין של חיוב נאר אן ענין פון א זכות, און א זכות גדול פון ת"ת דרבים, און הכנה צו ביאת משיח צדקנו ולימוד תורתו של משיח -

איז די נקודה בזה, אז מ'זאל מיטנעמען א החלטה טובה, ובהקדם הכי אפשרי זאל דאס אראפ אין פועל, אויף מייסד זיין א כולל, אנהויבנדיק פון די המשתתפים בכולל זה זאלן זיין אט די וואס זיינען נאך "בן ארבעים לבינה" אדער די וואס זיינען נאך "בן חמשים לעצה", אדער "בן ששים לזקנה" ו"בן שבעים לשיבה", אדער ווי עד זאגט אין תקו"ז, וואס דאס איז "נשמתא דאורייתא" - "בן חמשים לזקנה" ו"בן ששים לשיבה".

און מ'זאל קובע זיין א לימוד עכ"פ פעם אחת ביום, מה טוב - פעמים ביום;

דער לימוד זאל זיין פארבונדן מיט א זמן תפלה - מיט א תפלה, אדער לפניו אדער לאחריו,

מ'זאל דאס אויך פארבינדן מיט אן ענין של צדקה, דורך דערויף וואס אויפן טיש, אדער בסמוך צום טיש, וועט שטיין א קופה צדקה, אדער בהוספה ע"ז - דער כולל זאל אויך מייסד זיין א קרן פון גמ"ח,

און דאס, כאמור, יפה שעה אחת קודם, וויבאלד אז מ'וויל אז די גאולה, וואס "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה", זאל קומען אין אן אופן אויך פון שעה אחת קודם,

וואס דא איז דאך דער טייטש "שעה", ניט דער ענין פון זעכציק מינוט, נאר א משך זמן, אפילו אז דאס איז א רגע כמימרא,

און דער עיקר, ווי חסידות טייטשט דאס אפ, אז "שעה" איז דער טייטש פון לשון "שעה אל הבל", אז מ'קערט זיך אפ פון אן ענין בלתי-רצוי, און דער עיקר - מ'קערט זיך צו צו אן ענין טוב, און צו דעם ענין במיוחד, וואס דעמולט איז פארשטאנדיק אז מ'טוט דאס קודם, און מ'טוט דאס בשמחה ובטוב לבב,

וואס דאס איז נאכמער מוסיף אין די הצלחה פון כל ענינים אלה,

ובפרט נאך אז דאס וועט זיין אין אן אופן אז עס וועט זיין ללמוד וללמד, טופח על מנת להטפיח, אז נוסף אויף דערויף וואס מ'טוט דאס בנוגע לעצמו ולקרוביו, איז ער זיך משתדל בכל התלוי בו, אויף אריינ-ציען אין דעם, אדער אז זיי זאלן מייסד זיין בפני עצמם בכל מקום וואס ער קען דארטן משפיע זיין,

און אויך ביז אין אן אופן אז ער וועט פון זיי אויך מאכן א טופח על מנת להטפיח,



הנחה פרטית בלתי מוגה

ובאופן ד"יעלה הפורץ לפנינו", און וועט מלמד זיין תורה את כל העם כולו.

* * *

ד. מ'האט דאך גערעדט פריער אויף גלייך פארבינדן דאס מיט אן ענין של פועל,

נוסף אויף דערויף וואס עס האט זיך גערעדט וועגן כללות הענין אין "רעוא דרעוין", אין דער התוועדות פון יום השבת פון עשרים במנחם-אב, אויך ווי פריער בכללות הענין -

אויך פארבינדן און אנהויבן א התחלה בפועל,

און וויבאלד אז אין יעדער מקום איז כדי עס זאל זיין דער לימוד בהצלחה - איז אט דעמולט דארף דאך זיין ווי די גמרא זאגט אז "ילמוד אדם במקום שלבו חפץ", דארף מען דאך אליין אויסקלייבן אין וואס פאר אן ענין מ'זאל לערנען,

נוסף אויף דערויף וואס יעדערער לערנט דאך בלאו הכי די פרשת השבוע - ס'איז דאך א דין אין שו"ע בנוגע צו שבת, וואס כללות עניינו פון שבת "שנים מקרא ואחד תרגום" - גרייט ער זיך דאך דערצו במשך כל השבוע,

ובפרט נאך אז אין תחילה השבוע, און נאך איידער עס הויבט זיך אן דער מוצאי שבת, איז אין רעוא דרעוין הויבט מען שוין אן לייענען און לערנען,

- קריאה ההורה איז מען דאך אויך יוצא דערמיט די מצות ת"ה, אפי' וואס לא ידע מאי דקאמר, עאכו"כ אז ידע מאי דקאמר,

הויבט מען שוין אן לייענען די התחלה פון דער פרשת השבוע הבאה - נאך פאר דעם ערשטן רגע פון יום ראשון בשבוע - אין רעוא דרעוין פון שבת שלפנ"ז.

וואס דערפאר איז דאך פארשטאנדיק, פארוואס די הצעה אז עס זאל זיין איינער פון די לימודים אין פרשת השבוע איז מעצמה מובנת - דאס איז פארבונדן מיט דעם דין אין שו"ע און מיט די תקנה, וואס איז נאך משה רבינו'ס תקנה אליין, ווי די גמרא זאגט, אז וויבאלד אז ס'איז גע-ווען שלשת ימים בלא מים, איז דערפאר האט ער מתקן געווען, אז עס זאל ניט דורכגיין קיין דריי טעג אן "מים", אן קריאת ההורה,

און נוסף אויף די ענינים פון מצוות מן ההורה, מדאורייתא, איז שוין אין זמן משה רבינו געווען דער ענין פון תקנות, פון הושבע"פ.

וואס דאס איז דאך אויך אן ענטפער, אט די וואס ווילן מאכן א חילוק צווישן א דבר המפורש אין הושב"כ און די תקנות חכמים שלאח"ז -

איז בשעת מ'זאגט "הכם שלאחרי זה" - איז דאס א היפך ווי ס'איז געווען במציאות! ווארום תושבע"פ איז, ווי דער רמב"ם, וואס ער איז געווען דער "מורה הנבוכים", איז מדגיש, און הויבט דערמיט אן ספרו "משנה הורה", אז "ההורה בפירושה ניתנה" - גלייך הושב"כ, און מ'האט זיכער געגעבן אידן צו פארשטיין די פרטים שבדבר; ניט סתם אזוי ווערטער מ'זאל ניט וויסן, זאגנדיק ווי דער אלטער רבי ברענגט די דוגמא, אז מ'דארף לייגן תפילין - און ניט זאגן קיינע פרטים בדבר - קען ער ניט מקיים זיין די מצוה!

מוז מען אים זאגן די פרטים וואס שטייען אין תושבע"פ.

איז בנוסף נאך אויף דערויף - איז שוין דעמולט געווען **תקנות**, גלייך בשעת מתן תורה - ע"י משה רבינו, וואס ער איז דאך דער וואס "קבל תורה מסיני" ומסרה ביז עד סוף כל הדורות.

אנהויבנדיק פון דער תקנה האמורה, אז עס זאל ניט זיין קיין שלשת ימים בלא תורה: ב' וה' ויזם השבת, ווי די גמרא ברענגט דאס אראפ.

וכמדובר, בעניינינו איז דאך אויך דא די קריאת התורה בשבת אויך במנחה שבת, וואס דעמולט הויבט מען אן, בתור הכנה צו די ימים שלאחרי זה - הויבט מען שוין אן לייענען און לערנען די פרשה וואס די געהערט צו יום ראשון און צו אלע ששת ימים הבאים לאחרי זה.

וואס אע"פ וואס לכאורה איז אין שבת מכין לחול - געפינט מען דאך אבער, אז מ'זאגט ניט קיין "צדקתך צדק" במנחת שבת אויב דער יום שלאח"ז איז ר"ח אדער כיו"ב, וואס דעמולט טאר מען ניט זאגן קיין עניבים בדוגמת פון "צדקתך צדק" - הויבט זיך שוין אן די שלילת האמירה אין דער מנחת השבת שלפנ"ז.

עד"ז איז אויך בנוגע לעניינינו.

וואס דערפאר איז אויך ווער זיין דער ענין, עכ"פ בקיצור - דער-מאנען אויך דעם פסוק פון התחלת הסדרה, וואס דאס איז דאך "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה וקללה", און דערנאך מפרש: "הברכה אשר תשמעון", אז ס'איז אן ענין של ודאי, איר ווערט געווויס הערן;

בנוגע צום צווייטן ענין, צום היפך הברכה - זאגט ער דערנאך "אם לא תשמעון", וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק אין פשוטם של דברים, אז דער ענין פון דער ברכה, וואס די איז פארבונדן מיט "תשמעון" איז אין דערויף איז גאר ניט שייך קיין ספיקות, ס'איז א זיכערע זאך "אשר תשמעון", ווי דער אפטייטש איז חומש בפשטות הדברים,

משא"כ אין דער הנהגה ההפכית פון "לא תשמעון" - זאגט מען גלייך "אם", אז דאס איז אן ענין של ספק.

דערפון קומט אויך ארוים דער ביאור ווי דער אלטער רבי איז מפרש אין לקו"ת אויף דעם פסוק, און איז מדייק און מפרש יעדער ווארט,

אז בשעת מ'זאגט "ראה", איז דאס ניט סתם אז מ'איז מודיע א זאך, נאר דאס איז אין אן אופן של ראי', אז ער זעט דאס בפועל,

וכמדובר כמ"פ, מיוסד אויף מאמר חז"ל "אינו דומה ראי' לשמיעה", אז א זאך וועגן וועלכע מ'הערט - קען מען אים דערנאך אריינווארפן אין דעדויף עפעס א ספק, עכ"פ מחליש זיין אדער אפילו שולל זיין; א זאך וואס "בעינינו ראינו ולא זר", ער האט דאס אליין געזען - אט דעמולט לייגט זיך די זאך ביי אים אפ בתוקף,

און ווי גערעדט שוין בארוכה, ביז ווי דאס קומט אראפ אין הלכה בפועל, אז בשעת א דיין הערט פון עדים - איז ער א ראוי לדון בדבר, וואדוס ביי אים קען זיין אויף שני אופנים; משא"כ א דיין וואס ער איז געווען אן עד, ער האט דאס אליין געזען - איז אט דעמולט קען ביי אים ניט זיין קיין נטי' לאיזה אופן שיהי' מצד דערויף וואס ער האט דאס אליין געזען - אע"פ וואס די שמיעה, שבאופן הראשון, איז דאך דאס פון עדים כשרים, וואס די תורה זאגט אז מ'דארף טאן ווי די עדים זאגן.

עד"ז אין תושבע"פ הויבט מען דאך אן אויך פון מסכתא ברכות, און

אין מסכתא ברכות גופא - פון "מאימתי קורין את שמע",

און ווי עס שטייט דאך אויך בכמה ספרים דער רמז שבדבר, אז ווי אזוי תושבע"פ קומט גלייך ובהמשך אחד צו תושב"כ, וואס תושב"כ ענדיקט זיך מיט "לעיני כל ישראל", מיט א <u>למ"ד</u>, וואס נאך א למ"ד קומט גלייך א <u>מ"ם</u> - איז די התחלה פון תושבע"פ איז "מאימתי" (ניט "אימתי" נאר "<u>מ</u>אימתי") מיט א מ"ם - באווייזן אז דאס קומט גלייך נאכן למ"ד פון "לעיני כל ישראל", עד"ז פון "ויעל" וואס עס ענדיקט זיך דערנאך כתובים (דברי הימים) - אויך מיט א למ"ד.

וואס דאס האט דאך אויך א פירוש, כמבואר אין ספרים פון רמז, אז דאס וואס מ'זאגט "מאימתי קורין את שמע בערבין", און די גמרא וואונדערט זיך וואס איז דער סדר, און מ'ברענגט א ראי' אז "אקרא קאי", וואס דא שטייט פריער "ויהי ערב" און דערנאך "ויהי בוקר" -

איז דאך ידוע אין דערויף די שאלה: איז דאס גופא ווערט דאך אויך א שאלה: פארוואס שטייט <u>דארטן</u> אין דעם סדר. וואס דארט איז [illegible] הסברה אז אזוי איז געווען די בריאה - ווערט די שאלה אויף דער בריאה עצמה: פארוואס עפעס "עיזי מסגי ברישא" - פריער איז געווען די בריאה פון "ויהי ערב" און ערשט דערנאך די בריאה פון "ויהי בוקר"? כמבואר באריכה אין כמה ספרים און כמה מאמרים.

און מ'זאגט, אז "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם": אזוי ווי א איד איז עבודתו אין אן ארט וואס דארט פעלט שלום; ניט נאר עס פעלט <u>שלימות</u>, נאר אויך שלום כפשוטו: ס'איז דא מלחמות און סתירות און קשיות און מחלוקת'ן וכו', ווי מ'האט דאס געזען אפילו בזמן שביהמ"ק הי' קיים עאכו"כ אין זמן הגלות, עאכו"כ אין <u>עקבהא</u> דמשיחא, ווען ס'איז הושך כפול ומכופל אין גלות גופא.

איז דערפאר הויבט זיך אן תורה מיט קריאת שמע "<u>בערבין</u>", אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס דאס איז "ערבין", אז ס'איז הושך בעולם - האט מען געשיקט א אידן, און מ'האט אים געגעבן אויף דערויף די תורה, <u>בפירושה</u>, אויף מסביר זיין וואס תורה איז:

פונקט אזוי ווי אין התחלת תושב"כ, אז א איד גייט ארויס און גיט א קוק דעם חושך פון עולם מלשון העלם והסתר, פאלט דאך אן לכאורה א <u>פחד</u>: וואס קען אויפטאן אן איש אחד, א יחיד, לגבי דעם חושך וואס געפינט זיך אין עולם ומלואו?

הויבט זיך אן תושב"כ מיטן עניין אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", און "את" לרבות צבאי' פון שמים און לרבות צבאי' פון דער ארץ: אז דו גייסט ארויס אין וועלט, זאלסטו וויסן זיין, אז איידער ס'איז געווען די וועלט - איז שוין דא "אלקים", ואדרבא: אט דאס וואס ס'איז <u>דא</u> די וועלט - איז דאס דערפאר וואס אלקים ברא את השמים ואת הארץ.

און שוין דעמולט איז געווען דער עניין פון "ערב": דאס איז ניט אן <u>אומגעריכטע</u> זאך, און מ'טראכט זיך, אז דאס וואס שטייט אין תורה מ'זאל זיך פירן באופן מסויים - איז דאס דערפאר וואס מ'האט ניט מער געווען דעם הושך וואס איז דא אין וועלט -

זאגט <u>תורה שבכתב</u>, וואס אפילו <u>הצדוקים</u> מודים בזה, אז די וועלט האט באשאפן דער <u>אויבערשטער</u>, און ער האט איר באשאפן וויסנדיק אז דער סדר איז, אז פריער איז "ויהי ערב" און ערשט דערנאך ווערט "ויהי בוקר",

און ווי אזוי ווערט דער אור שבעולם - רודף "ויאמר אלקים יהי אור"!

- ניט ער דאדף מאכן ליכטיק דעם בוקר בכח עצמו; דער אויבערשטער האט דאס שוין דורכגעטראטן די וועג און אפגעטאן די זאך בפועל: "ויאמר אלקים יהי אור" - איז דערנאך "ויהי אור", אזוי איז געווארן בפועל.

מ'וויל אבער אז א איד זאל באווייזן אז ער געהערט צום "עם חכם ונבון", וועט ער טאן כל התלוי בו בחלקו בעולם, וואס דערפאר איז "ברא אלקים לעשות", ווי רש"י טייטשט אפ אין מדרש "לעשות - לתקן", אז מ'האט געלאזן א ווינקל אין וועלט אז יעדער איד זאל דארטן מתקן זיין, האט מען געלאזן א טייל אין זיין חלקו שבעולם וואס דארט איז "ערבין",.

און התחלה עבודתו פון זיין חושבע"פ איז - אז ער זאל דארטן לייענען קריאת-שמע!

וואס וואס איז דער לייענען ק"ש, מיט וואס הויבט זיך דאס אן און וואס איז דער עיקר - איז דאס דער פסוק ראשון שבק"ש. און וואס איז דער פסוק ראשון שבפרשה ראשונה שבק"ש - אז "שמע ישראל": זאלסט הערן יעדער איד און אלע אידן, אז מ'זאל ווימן זיין, אז "ה'" איז "אלקינו", ער איז אונזערעד, און "אלקים" טייטשט ער אפ אין שו"ע, אז ער איז בעל הכחות ובעל היכולת - ער גיט כח יעדער אידן און אלע אידן.

און אויף וואס נוצט מען אויס דעם "אלקינו" - אז עס זאל זיין "ה' אחד", אז וואו נאר מ'גיט זיך א קער זאל מען דערקענען אז דאס איז באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן, און אויך נאכן באשאפן איז דאס אן עניין וואס "ידע כל פעול כי אתה פעלתו",

אדער ווי די גמרא טייטשט דאס אפ, און דערנאך ברענגט דאס אראפ דער סמ"ק בארוכה, אז "אחד", וואס איז דער טייטש איין-און-איינציקער, דארף מען דאך וועגן דערויף מודיע זיין, איז א סימן, דאס גופא, אז מ'געפינט זיך אין א וועלט, אין א מעמד ומצב וואס מ'דארף ערשט וועגן דערויף מודיע זיין,

און מ'איז דאס מסביר, אז דער חי"ת באווייזט אויף ז' רקיעים וארץ, און דער דל"ת באווייזט אויף ד' רוחות העולם,

וואס איין רוח איז ניט גלייך צו א צווייטער: ענינים וואס גע-פינען זיך אין מזרח, וואו עס שיינט די זון - איז ניט בדומה צו די ענינים וואס געפינען זיך אין מערב, וואס "ובא השמש", ועד"ז ענינים וואס געפינען זיך מימין, בדרום, אין חסד - איז ניט די זעלבע ענינים און ניט ווי די ענינים וואס געפינען זיך אין שמאל, וואס דאס איז דער צד הגבורה, וואס דאס זיינען די ד' רוחות: מזרח און מערב און דרום און צפון,

און ניט נאר זיי זיינען ניט די זעלבע ענינים - זיי זיינען ענינים וואס זיינען מנגד און שולל אחד את השני: "מזרח" איז דער טייטש אז עס שיינט, און "מערב" איז דער טייטש - אז דארט ווערט טונקל. דארט איז דער טייטש - אן ארט וואס דארט האט ערשט אנגעהויבן שיינען, און דא זאגט מען פארקערט, אז אן ארט וואס איז געווען שוין ליכטיק - ווערט דארטן אן עניין פון "מערב", פון ערב!

עד"ז חסד וגבורה אדער דרום און צפון, ווי די הפכים וואס איז דא צווישן יד ימין און יד שמאל, וואס שמאל דוחה און ימים מקרבה, און ווי מ'זעט דאס אויך בפועל.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און אויף דערויף זאגט מען, אז די ההתלה פון תורה, ווי מ'קען איר שוין מקיים זיין בפועל, ווארום מ'ווייס שוין אלע פרטים - איז דאס אז "קורין את שמע בערבין".

וואס דאס גיט א אידן א כח, ובפרט לויט תורת הבעש"ט אז די בריאה איז מתחדשת תמיד, "המחדש בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית", ווערט דאס נתחדש די בריאה מאין ואפס ממש, וגו ס'איז געווען בפעם הראשונה, כמבואר בארוכה אין שער היחוד והאמונה,

איז דאס נאכמער תוקף אויף ניט שרעקן זיך פאר וועלט, ואדרבא - קוקן אויף דועלט ווי וועלט איז - אז דאס איז אן ענין וואס איז באשאפן געווארן כדי א איד זאל קענען דורכפירן זיין שליחות פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים,

דורך וואס איז דאס? אז ער ווייס אז ער געפינט זיך "בערבין", וואס דער עצם ירידת הנשמה בגוף איז נשמה איז אור, און גוף בערך הנשמה, אפילו א גוף פון א אידן - איז דאס אן ענין של חושך, מ'זעט דאך דארט ניט קיין חיות בפני עצמו - ער באקומט דעם חיות הגלוי פון דער נשמה,

איז דאס איז שוין דער "ערבין", ווארום ווען איז דער חיוב פון קריאת-שמע - ווען די נשמה געפינט זיך אין גוף. - ווען די נשמה געפינט זיך למעלה, קודם הירידה למטה - איז "חי ה' אלקי ישראל אשר עמדתי לפניו" - דעמולט שטייט זי תמיד אין א ביטול, און דארטן דארף מען ניט מכריז זיין אז דאס איז "ה' אחד" - ס'איז אן עולם האמת; מ'דארף דאס באווארענען אין עלמא דשקרא,

זאגט מען, אז דאס איז דער "קורין את שמע בערבין": אפילו בזמן שביהמ"ק הי' קיים, ס'איז דאך געווען א ירידת הנשמה בגוף, וואס דאס איז "מאגרא רמה לבירא עמיקתא" -

איז אט דארט זאל מען וויסן זיין, אז דאס איז ניט ח"ו אויף מצער זיין די נשמה; דאס איז כדי ער זאל קענען דורכפירן די "קריאת-שמע" אין דעם "ערבין".

ועד"ז אויך אין דעם סיום פון די מסכתות הש"ס איז מען דאך אויך מסיים מיט "תנא דבי אליהו כל השונה הלכות בכל יום מובטח לו שהוא בן עולם הבא שנאמר הליכות עולם לו א"ת הליכות אלא הלכות", איז דאך דער אפטייטש פון פסוק, אז דורך דערויף וואס ער איז א "שונה הלכות" - איז אט דעמולט איז "הליכות עולם" איז דאס "לו": די הנהגה און דער הילוך און די אלע ענינים שבעולם - איז ער ווערט אויף דערויף בעה"ב,

ווי ער זאגט אין ירושלמי, "לא-ל גומר עלי", אז בשעת תורה פסק'נט אפ, ע"י בית-דין וואס ער איז סמוך איש מפי איש ביז משה רבינו - ווערט נשהנה די מציאות העולם בפועל.

וכידוע אויך אויף דערויף כמה דוגמאות, ביז בימינו אלו אין דעם חושך כפול ומכופל, ווי מ'האט דאס געזען בא רבותינו נשיאינו,

און אפילו אט די וואס עיקר ענינם איז געווען נגלה דהורה, ווי דער ראגאטשאווער - איז ווי אמאל דערציילט בארוכה, אז זייענדיק אונטער דעם משטר פון אהורי "מסך הברזל", און ער האט באקומען א הודעה אז ער דארף באצאלן מסים כך וכך - צוויי סוגי מיסים,

האט ער ארייגערופן דעם איניקל, און האט ביי אים געפרעגט: וואס פאר א כח איז דאס; פארוואס מאנט מען די מיסים?

האט ער אים מסביר געווען, אז דער מס איז פארבונדן מיט די הכנסה זיינע און דער צווייטער מס איז פארבונדן מיט אן אנדער סוג הכנסה.

האט ער געזאגט, אז ע"פ שו"ע איז דער ערשטער מס דארף מען באצאלן ווארום ס'איז אויסגעהאלטן ע"פ שו"ע; דער צווייטער מס ווייס ער ניט דארף מען ניט צאלן, ווארום ס'איז נגד ווי עס דארף זיין ע"פ שו"ע.

וואס דער פאפיר איז ביי אים ניט געקומען פון א אידן; די פאפיר איז געקומען פון דעם משטר, פון דעם קאמוניסטישן משטר!

האט ניט געווערט א זמן קצר, איז אנגעקומען א הודעה פון דעם משרד וואס האט ארויסגעשיקט אז מ'דארף צאלן די ביידע עניני מסים, אז דעם צווייטן מס איז ער באפרייט!

וואס דאס איז געווען א מעשה בפועל, אונטער א משטר וואס האט רודף געווען ענינים של יהדות, און וואס האבן ניט געוואוסט וועגן דעם שו"ע און פסקי-דינים פון שו"ע; אז זיי וואלטן געוואוסט - וואלטן זיי אויך געוואלט טאן אויף-צו-להכעיס,

אבער ס'איז ניט נוגע, זיי זיינען אויף דערויף ניט קיין בעלי-בחירה: אז א איד וואס ער איז סמוך אויף פסק'ענען א דין איז זיך מתבונן אין דעם דין אז עס דארף זיין באופן כך - איז אפילו לאחרי שנעשה מעשה, און ארויסגעשיקט די הודעה, און אנגעשריבן דעם סכום, מיט אלע פרטים, איז בשעת ער האט געפסק'נט בא זיך אין חדר, אז דאס איז היפך השו"ע - האט דאס דארט גע'פועל'ט, ניט וויסנדיקערהייט פארוואס און ווי אזוי, און מ'האט ארויסגעשיקט א הודעה (ניט ער האט געדארפט שיקן אן ערעור; ארויסגעשיקט א הודעה) אז דער צווייטער מס איז בטל!

וואס דאס איז א מעשה בפועל וואס איז געווען אין לענינגראד, מיט דעם איש מסויים, "איש הי' בארץ עוץ", אין א מקום מסויים אין א זמן מסויים, בנוגע צו א דבר מסויים.

וואס דאס גיט א הסברה, אז דאס איז ניט אן ענין וואס דאס מיינט מען מערניט ווי רוחניות הענינים, און "הליכות עולם" אין רוחניות העולם אדער אין עולם הבא - נאר דאס איז "הליכות עולם לו": וויבאלד אז ער איז "שונה הלכות", ער לערנט תורה, און לערנט תורה ביז אז ער ברענגט ארויס פון דער תורה די "הלכה", ווי רש"י טייטשט אפ "משנה ברייתא והלכה למשה מסיני" - איז אט דעמולט ווערט ער בעה"ב און די וועלט פירט זיך ווי ביי אים קומט-אויס.

וואס דאס איז דאך אויך, כמדובר, די התחלה פון תושבע"פ און דער סיום פון תושבע"פ, במילא איז דאס אויך כולל, ווי מ'וועט ניט איינ-שטעלן די שיעורים - איז דאס אדער אין דער התחלה אדער אין דעם סיום אדער אין די ענינים שבינתיים.

וואס עד"ז איז דאס אויך פארבונדן מיט דעם ענין וואס מ'האט גע-רעדט פון פנימיות ההורה, ווי דערמאנט פריער וואס ער זאגט אין תקוני זהר, אז מ'ווערט א "זקן", "זה שקנה חכמה", מיט צען יאר פריער איידער עס שטייט נאך אין שו"ע, וויבאלד ער פארבינדט זיך מיט "נשמתא דאורייתא" ועד"ז בנוגע צו "שיבה" וכיו"ב, כמדובר באריכה אין דער התוועדות שקדמה לפנ"ז,

איז דאך אויך כמדובר, ווי דער אלטער רבי, ווי דערמאנט פריער, טייטשט אפ אין לקו"ת אין התחלת פון פרשת "ראה אנכי נותן לפניכם היום" אז "ראה" איז דאס אין אן אופן פון ראי', כמדובר לעיל באריכה,

און דאס נעמט זיך פון "אנכי", וואס דאס איז נאך פאר "הוי׳ אלקיך":בשעה מ"ת איז דער אויבערשטער נתגלה געווארן אין אן אופן וואס ער זאגט "אנכי", און דערנאך "ה׳" און דערנאך "אלקיך",

און ער טייטשט אפ אין זהר, אז "אנכי" באווייזט ווי אלקות שטייט אין אן אופן וואס "לא אתרמיז לא בשום אות ולא בשום קוץ", אפילו ניט אין דעם שם העצם און שם המיוחד און שם המפורש, וואס דאס איז דער שם הוי׳ - דאס איז נאך העכער מכל השמות.

און דעאנאך קומט ער אראפ אין אן אופן גלוי יותר - אין שם הוי׳, וואס דאס איז אויך מלשון הי׳ הוה ויהי׳ און מלשון פון "אתה מהוה את כולם",

און דערנאך קומט דאס אראפ אין אן אופן פון "אלקיך", ווי ער טייטשט אפ אין שו"ע, אז "אלקים" איז דאס "בעל הכחות והיכולת", ווי דערמאנט פריער אין "אלקינו", אז ער גיט די אלע כחות וואס א מענטש האט און וואס א איד בפרט האט,

איז דאס וואס מ׳זאגט אז "ראה" איז פארשטאנדיק פארוואס ס׳קען זיין בא יעדער אידן אין אן אופן פון "ראה" - דערפאר וואס דאס נעמט זיך פון "אנכי", וואס דאס איז העכער פון כל עניו ההוי׳, פון דעם גאנצן ענין הבריאה.

און פון דארטן גיט אים אלקות די אלע ענינים וואס ברענגען אים דערנאך ער זאל דאס דערזען אין אן אופן פון ראי׳.

און מ׳זאגט "לפניכם", אז דאס גיט מען אריין אין פנימיות הנפש, וואס דאס איז דאך אויך איינער פון די אפטייטשן "לפניכם" - אין אייער פנימיות, ווי דער אלטער רבי איז דארטן מאריך בארוכה,

וואס דער חילוק, בפשטות: חיצוניות הנפש קען א מענטש דארטן האבן שליטה: ער קען דאס משנה זיין, ער קען דאס פארדרייען וכו׳ וכו׳;

אין פנימיות איז ער קיין בעה"ב ניט - ער קען אהינצו ניט דער-גרייכן אויף דאס משנה זיין: דאס איז זיין נפש, דאס איז זיין פנימיות הנפש, ביז וואנענט אז דאקטוירים (רופאים) פון זמנינו זה מיינען אז דאס איז א חידוש הכי גדול וואס זיי האבן אויסגעפונען, אז דאס וואס ס׳איז דא אין דעם נפש טיפער ווי דער חלק הנפש וואס קומט לידי השגה והבנה וידיעה - איז דארטן קען א מענטש ניט משנה זיין;

שטייט דאס בפשטות אין א פסק-דין פון רמב"ם, אז מ׳האט בחירה אויף אלע ענינים - א חוץ אויפן רצון הפנימי פון א אידן, וואס דארטן ווערט דאס ניט נשתנה: ווי ער זאל נאר שטיין אין חיצוניות הרצון שלו, עאכו"כ ווי ער זאל נאר שטיין אין זיין מחשבה דיבור ומעשה - אבער פנימיות רצונו, וואס דאס איז אמיתיות הרצון שלו, אז ער וויל זיך פירן ווי דער אויבערשטער וויל.

און אויף דערויף טייטשט אפ אויך דער אלטער רבי, אז בשעה מתן תורה איז געווען "אנכי ה׳ אלקיך", ווי דערמאנט פריער די חילוקי הדרגות שבדבר, און ס׳איז געווען אין אן אופן ווי ער איז דערנאך מבאר: "פנים בפנים דבר ה׳ עמכם", אז פון די פנימיות פון דעם אויבערשטן, כביכול, וואס דאס איז "אנכי", איז קומט דאס אראפ "בפנים", אין די פנימיות פון א אידן, נאר "נותן לפניכם",

און דאס זאגט ער אויף דערויף "היום", ווי דער אלטער רבי ברענגט



הנחה פרטית בלתי מוגה

אראפ אין לקו"ה פון מדרשי חז"ל, אז בשעה עס שטייט "היום" איז דאס אן ענין נצחי; וועלכן טאג מ'כאפט נאר אן - איז דאס דעמולט דא!

און אין דערויף איז דא די ביידע ענינים:

"את הברכה" - אין אן אופן פון ודאי, אז ס'איז א זיכערע זאך "אשר תשמעון",

און דערנאך איז דא "והקללה", און איז מסביר, אז וואס איז דער ענין, צוליב וואס האט דער אויבערשטער באשאפן ענינים פון היפך הברכה - איז דאס ווי ער זאגט אין פסוק: "רשע ליום רעה", כדי מ'זאל מאכן פון דעם "רשע" זאל מען מאכן "יום", "אתהפכא חשוכא לנהורא",

ווי דערמאנט פריער, אז דער "ויהי ערב" זאל זיין א הכנה אז דער-נאך זאל זיין דער "ויהי בוקר", ואדרבא - אין אן אופן פון "יתרון האור" ווארום ס'איז אזא אור וואס ער קומט "כתוך החושך".

- וואס דערפאר איז פארשטאנדיק ווי אזוי מ'זאגט אויף דערויף "נותן", אויפן אויבערשטן - בשעת ס'איז דא א כלל אין תושב"כ אז "מפי עליון לא תצא הרעות"! א פסוק מפורש! און דא זאגט מען "נותן לפניכם" א היפך פון ברכה!

נאר דער ענין איז געגעבן געווארן כדי עס זאל זיין דער "ויהפוך ה' אלקיך לך את הקללה לברכה כי אהבך ה' אלקיך".

נאר דאס איז אין אן אופן פון "אם לא תשמעון", ווארום די עבודה איז ניט קיין ענין הכרחי, דאס קומט דוקא אויב ס'איז געווען עבר ופשע אויפן דרך ה' - אט דעמולט דארף מען האבן די עבודת התשובה כפשוטה, אויף מהפך זיין דאס לברכה;

דער ענין פון ברכה איז א ודאות, וויבאלד אז דאס איז געווארן "מפי עליון" איז "הצא הטוב" - ענינים טובים, איז "הברכה" איז א זיכערע זאך "אשר תשמעון",

אויב ביהמ"ק קיים און דערנאך קומט אן ענין וואס ס'איז דא "חטאינו", וואס דאס איז גורם "גלינו מארצנו" ברוחניות, במילא "גלינו מארצנו" בפשטות, בגשמיות - איז אט דעמולט, "אם לא תשמעון" - אט דעמולט ווערט פון דער קללה אן ענין פון "אנכי נותן",

און ווי מ'טייטשט אין דערויף אפ "נותן" - "כל הנותן בעין יפה נותן" - דאס איז געגעבן געווארן "בעין יפה", אז "ברגע קטן עזבתיך וברחמים גדולים אקבצך" - גלייך דאס מהפך זיין מחשיכא לנהורא וממרירו למיתקו,

וואס דעמולט ווערט דאס אן אור גדול ביותר, ווי דערמאנט פריער אז ס'איז דא דער "יתרון האור" ווען ער קומט "מן החושך" און "יתרון החכמה" ווען עס קומט "מן הסכלות".

מ'דעדט דאך אויך, בפרט בימינו אלו, איז פארבונדן מיט הלכות בית הבחירה, ובפרט נאך אין אן ענין א הלכה שבזה, וואס דעמולט איז ווי ער זאגט אין תנהומא, איז דאס ניט נאר וואס "כאילו בונה ביהמ"ק", נאר דאס פועל'ט אויף, אז בשעת מ'איז זיך עוסק אין "הורת הבית" און "מוצאיו ומבאיו" - זאגט דער אויבערשטער צו יחזקאל הנביא, ווי געבראכט אין מדרש תנהומא, אז דאס טוט-אויף אז דער "ביה שלי" איז ניט בטל; דורך דערויף בויט מען שוין דעם ביהמ"ק - כל אחד ואחד ע"י לימוד הלכות בית המקדש, הלכות בית הבחירה,



הנחה פרטית בלתי מוגה

קומט דאך דאס אויך בהמשך ווי געגעדט אין דער התוועדות שלפנ"ז, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם חילוק פון ערב שבת און שבת און לאחרי שבת -

אז דער רמב"ם איז מסיים די הלכות בית הבחירה שלו מיט דער הלכה, אז אין די אלע טעג פאר פרייטיק איז דעמולט איז מען געגאנגען און ס'איז געווען "אבוקות של אור בידם" אין ביהמ"ק, איידער מ'האט אנגע-הויבן די עבודה - כדי א קוק-צו-טאן צי אלע ענינים זיינען דארט אין אן אופן פון שלום,

און אלו הולכים למזרח און אלו הולכין למערב ביז וואנעגט אז מ'טרעפט זיך צוזאמען און מ'זאגט "שלום, הכל שלום".

דערנאך איז דער רמב"ם מסיים, אז בלילי שבת, פרייטיק ביינאכט, האט מען ניט געטראגן קיין "אבוקות של אור" בידם, נאר "היו בודקין לאור הנרות" וואס מ'האט זיי אנגעצונדן בערב שבת.

און ווי גערעדט בארוכה אויך פארוואס דער דין איז אזוי - אע"פ וואס "אין שבות במקדש".

און ס'איז א שייכות מיוחדת צו כללות ענין בית הבחירה, ווי דער רמב"ם אליין ברענגט אראפ אין אנהויבס בית הבחירה, אז ס'איז געווען דער ענין פון הקרבת קרבנות ווי ס'איז געווען אין משכן, און ווי ס'איז געווען אין די במות, דערנאך איז דא ווי דאס איז "לדורי דורות", וואס דאס איז אין דעם ביהמ"ק בירושלים עיר הקודש בהר הבית, ווי ער ברענגט אראפ פון פסוק: "הר המורי'", און וואס דאס איז פארבונדן מיט "אברהם עקד את יצחק בנו במקום זה",

איז דאך אין דעם "לדורי דורות" וואס ס'איז דער ביהמ"ק - איז דאך דא א הפסק בינתיים, וואס דער ביהמ"ק איז "מפני חטאינו גלינו מארצנו ונתרחקנו", ביז אין אן אופן פון "מפני היד שנשתלחה במקדשך" - איז דאך לכאורה ניט דער ענין פון "לדורי דורות",

וואס דאס איז דאך אין זיך אויך כולל, ניט נאר דער ענין השלילה אז עס טאר ניט זיין קיין במה משם ואילך; עס דארף דאך אויך זיין דער ענין החיוב, אז דאס איז א ביהמ"ק נצחי, אן קיין ענדערונג אין זמן -

וואס דאס איז אין דעם ביהמ"ק השלישי, וואס ער וועט זיין "מקדש אד' כוננו ידיך" - א בית המקדש נצחי, גאולה שאין אחרי' גלות.

וואס דורך וואס ווערט ער אויפגעבויט? דורך דערויף וואס ס'איז דא ערב שבת די הכנה "ליום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים", און ב"ערב שבת" פארנעמט מען זיך דערמיט אז מ'צינט-אן "נרות דלוקים מערב שבת"!

וואס דאס איז, בפשטות, מ'צינדט-אן דעם "נר ה' נשמת אדם", דורך דערויף וואס מ'פארבינדט אים מיט "נר מצוה ותורה אור",

איז אט די "נרות" וואס מ'צינדט-אן בערב שבת בפשטות, ווי ס'איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, דערנאך בלייבט דאך דער ענין ברוחניות אפילו לאחרי החורבן קען דאך קיין גוי און גוי'שקייט ניט אנרירן אין אן ענין פון בית המקדש פון "ושכנתי בתוכם" -

איז אט דארט איז דא בכל יום ויום די ביידע עבודות:

די עבודה ווי ער שטייט בערב שבת, וואס דעמולט טאר ער ניט פאר-לאזן זיך אויף א צווייטן; ער טאר זיך אפילו ניט פארלאזן אויפן אויבערשטן, כביכול - ער דארף אליין האבן בידו "אבוקה של אור".

וואס דאס איז דער ענין וואס ער האט בידו "נר מצוה והורה אור", און דאס ווערט, ניט אז דאס געפינט זיך אין אים ווע"ט און ער געפינט זיך אין א צווייטער וועלט - דאס ווערט ביי אים איין זאך מיט "נר ה' נשמת אדם", מיט זיין נשמה וואס זי פירט-אן מיט זיין גוף.

איז אט דאס פועל'ט אויף מעשינו ועבודתינו אין "ערב שבת", אין זמן הגלות, אז מ'זאל קענען "בודק" זיין דעם ביהמ"ק "בלילי שבתות", און מ'קומט און מ'זעט אז "שלום, הכל שלום".

און אט דאס טוט-אויף דערנאך דער זונטיג שלאה"ז, אז עס קומט מוצאי שבת, איז דאך לכאורה, אז ער דערגרייכט צו דער דרגא הכי עליונה, אז ער האט בודק געווען אין די לילי שבתות דעם "בית המקדש" שלו, דורך די נרות ערב שבת וואס ער האט זיי אנגעצונדן די נאכט אור ליום השׁשי - איז וואס קען זיין נאך א גרעסערע דרגא?!

זאגט מען, אז ס'איז דא א ציווי להעלות בקודש: ער האט אנגעצונדן די ליכט אין דער שבוע שלפנ"ז, און דאס האט ביי אים גע'פועל'ט אז ער האט בודק געווען; ניט געדארפט אנצינדן נאך אנדערע; זיינע ליכט זיינען אים אויך מאיר אין דעם יום של שבת ומנוחה,

איז וויבאלד ער איז א איד, און א איד איז פארבונדן מיטן אויבער אויבערשטן וואס ער איז א בלי-סוף, "אין-סוף" אמיתי - איז האט ער דעם ציווי להעלות בקודש: ווי גוט ער איז געווען ביז איצטער - דארף ער ווערן נאך העכער,

און אז עס קומט מוצאי שבת, גייט ער אריין אין זיין "בית המקדש" הרוהני, און ער איז דארטן "בודק" דורך "נרות" וואס ער צינדט זיי אן במוצאי שבת בידיו!

- ער פארלאזט זיך ניט, ער קען דאס ניט בודק זיין און מאר דאס ניט בודק זיין מיט די נרות שהדליק לפנ"ז; עס דארף זיין "אבוקה של אור", און דאס דארף זיין "בידיו": ניט ערגעץ-וואו ארייננגעשטעקט אין א וואנט - ער האלט דאס אין האנט און גייט ארום אין ביהמ"ק, סיי למזרח און סיי למערב, און דערנאך ווערט דאס ניט צוויי באזונדערע עבירות, נאר "נפגשים זה עם זה",

און דעמולט איז די משנה מבטיח: "ואומרים שלום, הכל שלום"!

וואס דאס איז אויך די פארבינדונג און דער קשר, דער רמז מיט דעם ענין ההתוועדות במוצאי שבת; אויך מיט דער הלכה אין הלכות בית הבחירה, אז אע"פ וואס א לילה לפנ"ז, איז בא שבת שטייט דאך ניט קיין "ויהי ערב ויהי בוקר", ווי ער זאגט אין מדרש, דערפאר וואס ס'איז געווען כולו אור, פארוואס איז דאס געווען אור - מצד די פעולה ועבודה שלפנ"ז, אבער ביום השבת איז דאס אן ענין של מנוחה ותענוג, "כל מלאכתך עשוי'",

איז דערנאך, אז עס הויבט זיך אן א נייע וואך - דארף ער שהייגן אלץ העכער און העכער בכל הענינים, אנהויבנדיק פון "אבוקות של אור", וואס "אין אור אלא תורה" - א הוספה אין לימוד התורה, ווי גערעדט פריער בארוכה,

און דאס דארף זיין "בידו": ניט ער האלט דאס בא זיך אין זיין פנימיות הנפש, נאר ער האלט דאס אין האנט און באלייכט דערמיט דעם חלקו בעולם, און מאכט פון הלקו בעולם א "בית המקדש" צום "ושכנתי בתוכם",

אז דאס ווערט א ליכטיקע וועלט נאך אין סוף פון זמן הגלות,



הנחה פרטית בלתי מוגה

כמדובר כמ"פ בארוכה אויף "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם", איך פשוטם של כתובים אז דאס איז נאך געווען ווען אידן זיינען נאך געווען אין גלות מצרים, כמה ימים איידער מ'איז ארויס פון מצרים - איז שוין געווען "במושבותם" איז שוין געווען "אור".

און ניט נאר דאס האט זיי מאיר געווען אין זייער חלק; בשעת ער איז נכנס לבית המצרי, וואס דארט איז געווען א חושך, ביז אין אן אופן פון "וימש חושך", אז מ'האט דאס געקענט אנטאפן מיט דער האנט - איז דער איד וואס איז אהינצו אריינגעגאנגען איז ביי אים געווען אור, זייענדיק און שטייענדיק אין בית המצרי, כמבואר בארוכה אין מדרשי חז"ל.

און דערנאך האט מען אויף דערויף די הבטחה: "כימי צאתך מארץ מצרים" אזוי וועט זיין "אראנו נפלאות" אין דער גאולה פון איצטיקן גלות,

אז אע"פ וואס "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", וואס אז מ'גיט א קוק וואס טוט זיך אין וועלט - איז נאך קיינמאל ניט געווען אזוינע ווילדקייטן און אזוינע אכזריות, היפך האנושיוה, ווי מ'זעט דאס אין די ימים הכי אחרונים!

מ'רעדט שוין ניט וועגן שנים הכי אחרונות, אדער חדשים הכי אחרונים,

ביז וואנענט אז ס'איז "וימש חושך", אז די וואס האבן זיך אמאל איינגערעדט, אז מיט די ענינים פון "קאלטשור", און מיט די ענינים פון "מעדיטיישאן" אין חכמת היוונים וכיו"ב, וועט מען מאכן פון וועלט א מקום של ישוב, "לשבת יצרה" -

זעט מען איצטער בעיני בשר אז ס'איז "וימש חושך"! מ'טאפט-אן מיט דער האנט צו וואס מ'האט דערגרייכט!

ביז אין אן אופן, אז מ'האט שוין אויפגעהערט, מצד דערויף וואס מ'איז נתרגל געווארן אין די אלע אכזריות און היפך האנושיות - אז מ'האט שוין אויפגעהערט אויף דערויף האבן עפעס א תגובה!

ווי מ'זעט דאס, און מ'דארף ניט ברענגען קיין דוגמאות: מ'לעבט אין א מדינה וואס יעדערער לייענט צייטונגען, און הלואי וואלט ער זיך אזוי, להבדיל, מתעניין געווען אין פרטי הדברים ווי זיי שטייען אין שו"ע - ווי להבדיל פון פרטי הדברים ווי זיי שטייען אין די צייטונגען, ובפרט אז עס רעדט זיך וועגן הנהגה העולם בכללותו - אע"פ וואס דארטן קען ער גארניט אויפטאן, אדער אויפטאן א מיעוט שבמיעוט, ובהנהגתו שלו, פון זיין "עולם קטן" - האט ער די פולע בחירה צי ביי אים זאל זיין "ערב" צי ביי אים זאל זיין "בוקר"!

איז בשעת מ'עפנט-אויף א צייטונג בכל יום ויום, ובפרט בשבועות הכי אחרונים - זעט מען, ווי אזוי מ'גייט רח"ל אין די ענינים פון אכזריות והיפך האנושיות, און ווי אזוי די וועלט שטייט ארום און שווייגט, און יעדערער איז זיך מתבונן: ווי אזוי קען ער פארדינען מערער מיט אזויפיל און אזויפיל געלט, אדער ווי אזוי קען ער זיך בא-ווארענען ער זאל האבן דעם כבוד המדומה אדער בריאוה המדומה וכיו"ב, וואס אין המקום להאריך אין א דבר המבהיל, ובפרט במעמד כמה עשיריות כישראל, אין א מקום קדוש של תפלה און א מקום קדוש של תורה.

באווארנט לכהחילה דער נביא, אז עס וועט זיין נאענט צו ביאה משיח צדקנו, דארף מען לכהחילה וויסן, אז ס'איז "החושך יכסה ארץ",

"וערפל לאומים", וואס "ערפל" איז נאך שטארקער ווי "החשך", כמבואר אין מפרשי התנ"ך דער חילוק פון "חושך" ביז "ערפל" -

אבער "ועליך יזרח ה'": בשעה מ'שטעלט זיך אוועק אין א מעמד ומצב אז מ'נעמט-אויף דעם אור ה', וואס וואס איז אור ה'? - "תורה אור" "אין אור אלא תורה" - איז אט דעמולט, בשעה מעשה וואס "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", איז אט דעמולט איז "עליך יזרח" דער אור פון דעם אייבערשטן!

בדוגמא ווי געזאגט פריער, ווי ס'איז געווען באם ארויסגיין פון דעם ערשטן גלות איז געווארן "אור במושבותם" נאך זייענדיק אין דעם גלות פון מצרים,

אזוי איז "אראנו נפלאות", נאך מערער; "נפלאות" אפילו בערך די נסים ונפלאות ווי זיי זיינען געווען בשעת ארץ מצרים - זיינען זיי דאך טפל לגבי דעם עיקר - די נסים ונפלאות ווי עס וועט זיין בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש,

וואס דאס איז אויך כולל אין זיך אז "לא בחפזון הלכו" נאר "בנחת ושובה תושעון", אז אין אן אופן פון "ונתתי שלום", אין אן אופן פון "ושכבתם ואין מחריד", אין דעם אופן וואס "ואולך אתכם קוממיות", אז מ'גייט ארויס פון גלות מיט א "קומה זקופה",

וואס דערפאר דארף מען זיך שוין שטעלן מיט א "קומה זקופה" נאך זייענדיק אין גלות, און דורך וואס איז דאס? - דורך דערויף ווי ער זאגט פאר דערויף אין פסוק, אז "אתם תהיו לי לעם" און "ואנכי אהי' לכם לאלקים"!

און וואס דאס איז ניט נאר אן ענין וואס בלייבט בדיעה ובהבנה והשגה, נאר פאר דעריף, ווי ער זאגט נאך בהקדמה לזה, דארף זיין "בחוקותי תלכו", ווי רש"י טייטשט דאס אפ: דאס מיינט מען בפשטות לערנען תורה, און ווי רש"י טייטשט דאס אפ, אז דאס מיינט מען בפשטות "שתהיו עמלים בתורה": הארעווען אויף ארויסקריגן וואס תורה וויל ווי די הלכה שטייט אין תורה - ניט קומען צוגיין און ארויספאסן זייך מאס און זייך הבנה והשגה אויף דער תורה;

די הלכה שטייט אין תורה!

- ניט קומען צוגיין און ארויספאסן זייך מאס און זייך הבנה והשגה אויף דער תורה; ס'איז פארקערט דער סדר, אז ער הארעוועט און לייגט-אפ זיינע הנאות מיט זיינע ענינים מיט זייך שכל צו פארשטיין וואס וויל תורה!

און דאס בלייבט ניט אין אן ענין פון א ידיעה אליין, נאר - "את מצוותי תשמרו", און "ועשיתם אותם",

און דאס איז די הקדמה פון "ונתנה הארץ יבולה", ביז ווי ער זאגט אין מדרש "חטים ככליות", וואס דאס איז געווען בימי שמעון בן שטח, וואס דאס איז געווען א הקדמה און א באווייז אז דאס קען זיין אין טבע העולם, במילא פארשטייט מען בפשטות אז אזוי וועט זיין לע"ל,

אז דורך דערויף וואס "אתם תהיו לי לעם ואני אהי' לכם לאלקים", און דאס קומט אראפ אין מעשים בפועל, בחיי יום-יום, אז "שתהיו עמלים בתורה", "ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם" -

איז נאך קודם ביאת משיח שטייט מען שוין אין אן אופן פון "קוממיות"; קודם ביאת המשיח איז "עליך יזרח ה'",

און דערנאך גייט מען בקרוב ממש לקבל פני משיח צדקנו,

און מ'גייט אריין אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' א קיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה",

און פונקט אזוי ווי עס פעלט ניט קיין רגע אין דער שנה, דאס איז "מרשית השנה ועד אחרית שנה" - אזוי פעלט ניט אפילו שעל אחד פון ארצנו הקדושה, ווארום זי בלייבט בשלימותה, ארץ ישראל לגבולותי' - שלימות הארץ,

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ער האלט זיך אין שלימות התורה - אן קיינע שינויים,

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ס'איז דא דער שלימות העם -

ער טענה'ט אז תורה, און איז דאס מסביר און מכריז, אז תורה איז דאס ניט פונקט ווי זי איז געווען פאר משה רבינו, אין מדבר, אזוי איז זי געווען בא יהושע בן-נון ווען ער איז אריין אין ארץ נושבת, און אזוי איז זי געווען בזמן שלמה המלך, וואס דעמולט איז געווען "וישב על כסא ה'",

און אזוי איז דאס געווען בשעת "מפני חטאינו גלינו מארצנו", איז ווי דער רמב"ם זאגט א פסק-דין אז "תורה זו לא תהי' מוחלפת"!

ווארום דאס איז שלימות העם, וואס עס ישראל איז כולל אין זיך אלס אן עס נצחי, אן עולם, האט ער אין זיך משה רבינו, ביז - דעם פשוט שבפשוטים פון שנת ה' אלפים תש"מ לבריאת העולם, פון א אידן וואס גע-פינט זיך אלס א פשוט שבפשוטים אין קצוי תבל - "נדחך בקצה השמים",

איז דאס אלץ פון דעם זעלבן עס נצחי, און דער עס שטייט ביי אים אין אן אופן פון שלימות העם.

און אט דעמולט האט ער דעם "הוט המשולש": שלימות התורה, וואס זי איז פארבונדן מיט שלימות עם ישראל, וואס זי איז פארבונדן מיט שלימות ארץ הקודש,

וואס פון די אלע זאכן ווערט א "חוט המשולש": איין און איינציקער "חבל" וואס ער איז צוזאמענגעשטעלט פון אלע דריי, דאס איז אבער "חבל נחלתו" - איין און איינציקע זאך,

און אט דאס פועל'ט-אויף דעם ענין נצחי - די גאולה וואס דאס איז א גאולה נצחית שאין אחרי' גלות;

דער בנין ביהמ"ק השלישי, וואס דאס איז א בנין נצחי, שאין אחריו ח"ו אן ענין וואס עס פעלט עפעס אין מקדש,

וואס דאס איז פארבונדן מיט חיים נצחיים, ווי דערמאנט פריער אז "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא", וואס דארטן מיינט מען דאך די חיי נשמה בגוף, ווי פארשטאנדיק פון דעם המשך המשנה: א הוץ אט די וואס האלטן ניט פון תחיית המתים - איז דערפון פארשטאנדיק אז דאס איז מדה כנגד מדה ווארום דא רעדט זיך וועגן תחיית המתים, דוקא נשמה בגוף וואס דעמולט ווערט דערנאך חיים נצחיים,

וואס מ'איז "טועם" פון אט דעם "תבשיל" נאך זייענדיק אין גלות, ווי דערמאנט פריער אז "לכל בני ישראל הי' אור במושבותם",

אז בשעת מ'איז מהליט בא זיך אויף אט ווער הנהגה, און די החלטה קומט אראפ אין א מעשה בפועל,



הנחה פרטית בלתי מוגה

אנהויבנדיק פון תורה, איז אן אופן פון "עמלים בתורה" און הוספה בתורה, "כל המוסיף" וואס דעמולט איז "מוסיפין לו",

און בפרט ווי דערכאנט פריער בנוגע צו דעם "עטרה זקנים" און "תפארת זקנים", וואס דאס גייט ביידע זאכן צוזאמען, און איז אן אופן של "כולל", און איז אן אופן ווי מ'פארבינדט דאס מיט "חוט המשולש", פון תורה עבודה וגמ"ח,

און דאס קומט אראפ למטה בעשרה טפחים, אז וואו א איד זיצט און לערנט תורה איז ווי ער זאגט אין דעם פרק "קנין תורה" וואס מ'וועט לערנען אין דעם שבת שלאחרי זה (וואס התחלתו פון דעם שבת איז דאך "טרח בערב שבת", אנהויבנדיק פון מוצאי שבת) אז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה": אז ער איז מוסיף אין דעם עמל תורה - ווערט ביי אים ניתוסף אין זיין אמת'ער חירות,

און מ'גייט בקרוב ממש, כאמור, לקבל פני משיח צדקנו, ובעגלא דידן.

* * *

ה. מ'וועט איצטער אויך, כרגיל, ווי דערמאנט פריער, פאנאנדערטיילן צעטלען, די וואס ווילן אנשרייבן שמו ושם אמו,

און דער עיקר אז עס זאל זיין די השתתפות אין דעם קרן "לוי יצחק", וואס פון אים וועט מען אויך נעמען, במיוחד, בנוגע צו דעם עניין ההידוש וועגן וועלכן עס האט זיך גערעדט פריער בארוכה - דעם כולל פון "תפארת זקנים", און מה טוב אז מ'זאל אויך מוסיף זיין דעם נאמען "כולל לוי יצחק", כמדובר לעיל בארוכה - וויבאלד אז ההחלהו ויסוד שלו איז געווען אין דעם יום פון דעם יארצייט והילולא, און דער המשך אויך אין מוצאי שבת פון עשרים באב,

און ויהי רצון כמדובר, אז מ'זאל בקרוב מקריב זיין די עצים, און דעם קרבן עצים, אין ביהמ"ק השלישי,

וואס דעמולט וועט דאס זיין אויך א הכנה, אז דערנאך וועט זיין דער שנת הקהל בפשטות, אין בית המקדש השלישי - "הקהל את האנשים הנשים והטף וגרך אשר בשעריך",

און עס וועט זיין אין אן אופן אז מ'וועט זיך אויך נאך פאר דערויף גרייטן צו חודש הרחמים, חודש אלול, וואס מ'גייט דאך צו שבת מברכים חודש אלול,

וואס "אלול" איז א ר"ת "אני לדודי ודודי לי", אז די התחלה איז, אז יעדער איד איז בא זיך מעורר "אני לדודי", און דאס ברענגט אראפ נאכמערער דעם "ודודי לי", און ער פארבינדט דאס מיט ענינים כפשוטם, אין עוה"ז הגשמי,

וואס דערפאר וועט מען אויך איצטער געבן אט די אלע וואס ווילן מייסד זיין אזא סארט "כולל" בעצמם, אדער דורך דערויף וואס זיי וועלן אויפשטעלן איינעם וואס איז ראוי לזה מערער ווי זיי,

וואס דא איז אויך להוסיף: אז וויבאלד אז דאס רעדט זיך וועגן "עטרת תפארת שיבה", און מ'זאגט אז "מפני שיבה תקום" - איז מהדבר הכי נכון, אז עכ"פ פעם בשבוע זאל מיט זיי לערנען דער רב, דער "מרא דאתרא", וואס ער האט דאך די "סמיכות", און קומט במקום, פון סמיכה איש מפי איש

עד משה רבינו, עכ"פ, כמדובר, פעם אחת בשבוע.

און דערפאר איז אויך לכל לראש אט די וואס האבן דעם זכות אויף זען אויף מארגן זייך און מזרז זייך און אויפשטעלן אזא "כולל" בכל עיר ועיר,

וואס בימינו אלו איז יעדער בית הכנסת און יעדער בית המדרש איז דאס א "שטאט" בפני עצמה: ס'איז דא כמה עניינים וואס זי איז אויף זיך ניט מקבל קיין מרות פון דער הנהלה כללית פון דער גאנצער שטאט, אפילו פון דער גאנצער שטאט אלץ א אידישע-שטאט,

איז ווילן זיי האבן די עניינים, מפני כמה טעמים, אדער נכונים אדער בלתי-נכונים, אז עניני בית הכנסת אדער עניני בית המדרש ווערט דאס אן עיר בפני עצמה, און זי האט איר מדריך רוחני, אדער דער רב וכיו"ב,

וואס דערפאר איז מהראוי, כמדובר, בפרט אז עס רעדט זיך וועגן אידן וואס מ'דארף זיי אפגעבן כבוד לויטן דין פון שו"ע - איז דאך אויך (ובפרט נאך אז דאס וועט זיכער מוסיף זיין אין קיום הדבר), אז צווישן די מארגנים בכל בית הכנסת, אדער בצירוף כמה בתי כנסיות ביחד - זאל זיין פון די ראשי המארגנים דער רב, דער "מרא דאתרא" פון דער שטאט אדער פון דעם בית הכנסת אדער דער ראש-ישיבה פון דעם בית המדרש,

און דערנאך זאל ער ניט דערנאך יוצא-זיין דערמיט, נאר משתתף זיין זיך אויך בפועל, עכ"פ פעם בשבוע,

וואס אט די אלע עניינים, ו"תן לחכם ויחכם עוד", וועט מען זיכער געפינען נאך פרטים וואס קענען מוסיף זיין בביסוס הדבר,

וכמדובר, אויך מקשר זיין דאס נאכמערער מיט אן ענין של פועל וואס איז פארבונדן אויך מיט גשמיות העולם -

וועט מען געבן יעדערן, אט די וואס וועלן נעמען אויף זיך אדער אויף מארגן זיין אזא "כולל", אדער באווארענען, מזרז זיין, דעם רב וואס איז דא ניטא, און ער וועט דערנאך צו אים קומען, ובדרך של כבוד ובדרכי נועם ובדרכי שלום, וועט ער ביי אים פועל זיין, אז ער זאל, אין אן אופן פון יפה שעה אחת קודם, מארגן זיין אזא סארט כולל -

אן ענין פון - כמדובר - בגשמיות, און וואס איז פארבונדן אויך מיט שמחה - א בקבוק של משקה אויף מיטנעמען מיט זיך בכל מקום וואוהין מ'גייט אדער וואוהין מ'פארט אדער וואוהין מ'פליט,

און ויהי רצון, אז דאס זאל ארומנעמען דער פייער פון "הלא כה דברי כאש" - כל בית ישראל,

וואס דאס וועט נאכמער מזרז זיין דער "הוכה אש אהי' בתוכה", וואס דער אויבערשטער זאגט בנוגע צו "פרזות תשב ירושלים" - וועט ער זיין דער "חומת אש" סביבה,

וואס די הכנה לזה איז מעין זה - דורך הורה וואס ווערט אנגערופן בשם "חומה", און דורך הורה וואס מ'לערנט איר אין אן אופן אז מ'ווייס אז דאס איז "דברי", אין דאס איז "דברי כאש", וואס א אש ציט זיך למעלה, בטבעו עולה מטה למעלה,

און אזוי פועל'ט ביי אים די תורה, אז זי נעמט אים ארויס ממקומו וממעמדו ומצבו, ווי גוט עס זאל נאר זיין - און הויבט אים אלץ העכער

און העבער.

און כדי שלא לבלבל, וכמדובר כמ"פ - בעט מען, אז אט די וואס זיי זיינען ניט שייך: אינו יכול צו מארגן זיין אזא "כולל", און אינו יכול אויף מזרז זיין דעם רב פון זיין שול, אדער דעם ראש-ישיבה פון זיי ישיבה ער זאל מארגן זיין אזא "כולל" - זאלן לכתחילה ניט מבלבל זיין און ניט נעמען דעם בקבוק,

ולאידך, אט דער וואס קען אין דערויף טאן, איז דאס ניט אן ענין של חיוב וחוב, נאר דאס איז אן ענין של זכות, און א זכות הרבים און זכות הצבור, איז דערפאר, ניט נאר ער דארף נעמען, נאר ער מוז נעמען,

און דערנאך זיך משתדל זיין ככל יכלתו, און ער האט די הבטחה אז "יגעת ומצאת", און האט די הבטחה אז "זכות הרבים מסייעתו", "והקב"ה עוזרו",

- און דאס טוט זיך אויף, ווי מ'קומט פון שבת, וואס "וקראת לשבת עונג" - אין אן אופן של עונג,

וואס דאס איז נאכמער מרחיב, ווי די גמרא זאגט אויף "שמועה טובה תדשן עצם", אז אן ענין של עונג מאכט גרעסער און ברייטער און שטארקער אפילו דעם עקב שברגל, "והי' עקב תשמעון", עאכו"כ - די הארץ מיט די מדות און רגש שבלב, עאכו"כ - דעם שכל שבמוח מיטן ראש בכללותו,

און מ'גייט, א געזונטער גוף, ווארום אלע זיינע חלקים זיינען דורכגענומען מיטן זעלבן ענין פון אידישקייט, און אידישקייט בשלימותה,

צו דער גאולה האמיתית והשלימה כמדובר לעיל בארוכה אז דוקא אין אן אופן פון "בעגלא דידן",

ובשמחה וטוב לבב.

אח"כ אמר: מ'וועט אויסטיילן די בקבוקים, כדי שלא לבלבל - נאך דער ברכה אחרונה.

אח"כ צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעיח - פעם אחת). "ניע זשוריצי חלאפצי".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ניעט ניעט ניקאווא".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה - וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ברך ברכה אחרונה.

אח"כ אמר: מסתמא אט די וואס דארפן נעמען די בקבוקים - וועלן צוגיין נעמען, און דערנאך גיין מצד אחד און ארויסגיין מצד שני.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התעניין אם יש מישהו מכפר חב"ד, כשלא נענה הכריז בקול: ווער איז דא פון כפר חב"ד? איז אימעצער דא? מישהו נגש, ואמר לו אד"ש: ...גוט, אבער דו וועסט זיי מזרז זיין!

טרם צאתו התחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן "כי בשמחה תצאו גו'".

* * *

בס"ד. שיחת ש"פ ראה, מבה"ח אלול ה'תש"מ.                הנחה פרטית בלתי מוגה

א. בקשר מיט שבת מברכים אלול איז דאך דא דער שיחה הידועה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וואס די שיחה איז פון חג הפסח, א משך זמן פאר חודש אלול וואס איז שוין געדרוקט אין לקוטי דיבורים (ח"א קטו, ב ואילך), וואו ער איז מתאר דעם רוחניות'דיקן מצב און ער דערציילט וועגן דער אופן הנהגה, וואס האט זיך אנגעהויבן שבת מברכים אלול אין ליובאוויטש (כדלקמן).

און ער דערציילט דארטן אויך וועגן דער אופן ההנהגה וואס האט זיך שוין דארטן אנגעהויבן פון נאך שבת נחמו, אז "נאך שבת נחמו האט מען שוין אנגעהויבן לערנען נאך מעריב לקיים מ"ש קומי רוני בלילה".

כמדובר כמ"פ וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט, אז די כוונה פון זכרונות בימים ההם, איז ניט גלאט צוליב געדענקען זיי, צוליב דעם "נזכרים" - נאר די כוונה בזה איז, דער "נזכרים" זאל אראפקומען אין "ונעשים", אין מעשה בפועל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק במכ"ש בנוגע צו די זכרונות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אליין, אז זיין כוונה מיט דערציילן זיי איז ניט צוליב דעם וואס מ'זאל הערן אדער לייענען אדער לערנען א סיפור יפה - נאר בכדי מ'זאל דאס איבערלעבן, און איבערלעבן אין אן אופן אז דאס זאל אראפקומען אין א מעשה בפועל.

וואס די הוראה פון דעם וואס ער האט דערציילט וועגן דער הנהגה אין ליובאוויטש אז "נאך שבת נחמו האט מען שוין אנגעהויבן לערנען נאך מעריב", איז בפשטות: אז נאך שבת נחמו דארף יעדער איינער מוסיף זיין אין לימוד התורה נאך מעריב.

נאך דערויף וואס ער דערציילט ווי דער הנהגה איז דארטן געווען אנהויבנדיק פון נאך שבת נחמו, איז ער ממשיך: "און ווען עס איז געקומען שבת מברכים אלול האט מען שוין אנגעהויבן פילן דעם אלול-אויר", און ווי ער דערציילט אויך פאר דערויף אז שבת מברכים אלול אין ליובאוויטש "האט זיך שוין דער אויר געביטן".

[דערנאך דערציילט ער וועגן דער אופן ההנהגה פון די מענטשן וואס איז געווען שבת מברכים אלול, אז אנדערע האבן געזאגט תהלים כו'].

ד.ה. אז שבת מברכים אלול אין ליובאוויטש איז ניט נאר געווארן א שינוי אין א איש פרטי, אדער אין א ציבור - נאר אפילו דער **אויר** איז נשתנה געווארן, וואס דאס באווייזט אז דער שינוי איז אין כללות המצב בעולם (אין ליובאוויטש) וואס איז שייך לכאו"א.

ב. והביאור בזה:

אין די צרכי האדם זיינען פאראן כמה סוגים: אויר, מזון, לבוש און בית, וואס איינס איז נויטיקער פארן מענטשן בחייו פון אנדערן: א לבוש איז נויטיקער ווי א בית, מזון איז נויטיקער ווי א לבוש, און אויר איז נויטיקער ווי זיי אלע, ווארום אן דעם קען א מענטש ניט אויסהאלטן, און ווי רז"ל זאגן אויפן פסוק "כל הנשמה תהלל י"ה הללוי'", אז "בכל נשימה ונשימה" דארף מען מהלל זיין דעם אויבערשטן, וואס נשימה איז בפשטות פארבונדן מיט אויר.

וכמבואר אין דרושי חסידות אז וויבאלד די בריאה איז באשאפן געווארן אין אן אופן פון חסד - דערפאר איז דאס וואס איז נויטיקער בחיי האדם איז מערער מצוי בעולם, און מ'קען עס גרינגער געפינען, אן אזויפיל השתדלות און הוצאות: לבוש

קען מען באקומען מיט ווייניקער השתדלות און הוצאות ווי א בית, און מזון קען מען באקומען מיט ווייניקער השתדלות און הוצאות ווי א לבוש.

און וויבאלד אז אויר איז דער צורך הכי מוכרח אין חיי האדם - דארף ער דערצו בכלל ניט האבן קיין השתדלות און עאכו"כ אז דאס קאסט אים ניט קיין הוצאה, ער דארף נאר נושם זיין און דורך דעם באקומט ער אויר.

ס'איז מערניט אז וויבאלד מ'האט אפגעגעבן א מענטשן בחירה - האט ער די ברירה צו גיין צו א מקום וואו דארטן איז פאראן אן אויר רע, אדער ווייניק אויר, אדער בכלל ניט קיין אויר, אדער אין אן ארט וואו ס'איז פאראן אויר, קען ער זיך איינהאלטן און ניט נושם זיין, מצד דעם וואס ביי אים איז היפך פון "ובחרת בחיים".

אויב ער טוט אבער ניט קיין פעולה שלילית אויף צו אפהאלטן אז דער אויר זאל ביי אים ניט אריינגיין, ר"ל - דארף ער גארניט טאן און בדרך ממילא האט ער אויר דורך דערויף וואס ער איז נושם.

ג. עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער אלול-אויר וואס מ'האט אנגעהויבן פילן בשבת מברכים אלול:

עס זיינען געווען געוויסע ענינים וואס מ'האט אנגעהויבן טאן בשבת מברכים אלול וואס אויף זיי האט מען געדארפט האבן א השתדלות, עכ"פ קצת השתדלות, ווי זאגן תהלים וכיו"ב, ווי ער זאגט דארטן אין דער שיחה, וואס אויף דערויף דארף מען גיין אין ביהכנ"ס און אין ביהמ"ד, אדער מ'דארף צופאסן די אייגענע ד' אמות, דעם אייגענעם שטוב וכו', צו די ד' אמות פון דעם ביהכנ"ס און ביהמ"ד;

בשעת מ'זאגט אבער אז בשבת מברכים אלול איז דער אויר נשתנה געווארן - דארף ער דערצו ניט האבן קיין השתדלות צו פילן און באקומען דער אויר, בשעת ער איז נאר נושם, גייט אין אים אריין אן אלול אויר.

ער האט נאר די בחירה צו זיך איינהאלטן און ניט נושם זיין; אויב אבער ער טוט ניט קיין פעולה שלילית - איז ער דעמאלט בדרך ממילא נושם דעם אלול-אויר, וויבאלד אז ס'איז דעמאלט אן עת רצון וואס האט גע'פועל'ט אז דער אויר העולם זאל נשתנה ווערן.

און דאס איז א זיכערע זאך אז ער וויל נושם זיין, וויבאלד אז ע"פ שכל, אפילו ע"פ שכל פון דעם נה"ב, לייגט זיך אז עס זאל זיין "ובחרת בחיים".

און וויבאלד אז ער איז נושם אזא אויר ווען עס קומט שבת מברכים אלול, פועל'ט עס אויך א שינוי אין די ענינים וואס ער טוט בהשתדלות שלו - אין די אמירת תהלים, און אין די הוספה בלימוד התורה נאך מעריב (וואס האט זיך אנגעהויבן נאך שבת נחמו, כנ"ל).

ד. וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק די הוראה לכאו"א:

פון שבת נחמו און ווייטער דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, ווי ער זאגט אין דער שיחה, אז "נאך שבת נחמו האט מען שוין אנגעהויבן לערנען נאך מעריב לקיים מ"ש קומי רוני בלילה",

וואס בפשטות איז דאס על יסוד זה וואס דעמאלט איז געווען דער זמן פון ט"ו באב, וואס בנוגע צו דער זמן זאגט די גמ' "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", ווי רש"י טייטשט אפ: "מחמשה עשר באב ואילך דמוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה, יוסיף חיים על חייו".

וכידוע אויך דער סימן אויף דערויף פון שכבי עד קומי און קומי עד שכבי, וואס דער "קומי" גייט אויף "קומי רוני בלילה" וואס איז געווען בתשעה באב, און דערנאך ווען עס קומט שבת נחמו ווערט נתעלה גאנץ תשעה באב בתכלית העילוי, כמבואר אין דרושי חסידות, און ווי גערעדט אויך אין דער התוועדות פון ט"ו באב.

וואס דאס איז דער טעם בפשטות פארוואס אין ליובאוויטש האט מען אנגעהויבן לערנען נאך מעריב, און ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אז דער לימוד דארף זיין אין אן אופן פון "מעט מעט" בכל לילה ולילה נאך ט"ו באב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק וויפל השתדלות דארף זיין בנוגע צו דעם שטייענדיק א משך זמן שוין נאך שבת נחמו און ט"ו באב.

און דערנאך ווען עס קומט שבת מברכים אלול, קומט צו די צווייטע הוראה פון דער שיחה, אז דעמאלט דארף מען שוין אנהויבן פילן דעם אלול-אויר, און די כוונה בזה איז בפשטות - אז דאס זאל פועל'ן אויף עבודתו אין חודש אלול, וואס איז דער חודש החשבון,

און אויך דער חודש וואס איז א הכנה צו דעם נייעם יאר, אז עס זאל זיין א כתיבה וחתימה לשנה טובה ומתוקה בגשמיות וברוחניות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק וואס פאר א השתדלות דארף זיין אין חודש אלול, וויבאלד אז דאס איז א השתדלות אויף כל השנה הבאה.

**ה.** כמדובר כמ"פ אז נוסף צו די הוראה וואס מ'נעמט ארויס בכל שנה ושנה פון דער זעלבער זאך, ובנדו"ד - אז די הוראה בכל שנה ושנה פון שבת נחמו און פון שבת מברכים אלול - איז אויך דא א הוראה פון דער שינוי משנה לשנה לויט דער קביעות מיוחדת פון יעדן יאר.

ווי גערעדט במשך כל השנה - איז שנה זו א שנה השביעית, "שבת לה'".

וואס דער ענין פון שבת איז - עונג, יעדער זאך וואס מ'טוט אין א יום השבת, איז אן ענין פון עונג: בשעת ער עסט איז דאס אן ענין פון עונג, בשעת ער טרינקט איז דאס אן ענין פון עונג, ביז אז אפילו ווען ער שלאפט ביום השבת, וואס דעמאלט איז ער לכאו' אויס בעה"ב אויף זיך - איז ער דעמאלט אויך מקיים דער ענין פון עונג שבת.

ביז, ווי גערעדט אמאל בארוכה, אז דער לשון פון חז"ל איז - "מענג את השבת", וואס דאס מיינט אז נוסף צו דעם עונג וואס שבת האט מצ"ע, איז ער מוסיף נאכמער עונג אין שבת, "**מענג** את השבת", וואס דאס איז דער ענין פון "ועשיתם את השבת".

ע"ד ווי דער חילוק צווישן שבת און ימי המעשה - עד"ז איז דער חילוק צווישן שנה השביעית, "שבת לה'", און "שש שנים תזמור שדך ושש שנים תזרע כרמך".

דערפון גופא איז פארשטאנדיק אז די שבתות אין א שנה השביעית זיינען נאך העכער ווי די שבתות פון די שש שנים שלפנ"ז.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו שבת נחמו, און שבת מברכים אלול בשנה זו, אז זיי זיינען העכער פון שבת נחמו און שבת מברכים אלול בכל שנה ושנה.

וואס דערפון נעמט מען אויך ארויס די הוראה - אז בשנה זו האט מען נאכמער תוספת כח צו טאן די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט שבת נחמו און שבת מברכים אלול - צו מוסיף זיין אין לימוד התורה נאך שבת נחמו, און צו דורכפירן די אלע

ענינים וואס קומען אלס א תוצאה ז'ערפון וואס בשבת מברכים אלול פילט מען דעם אלול-אויר, כב"ל.

**ו.** וויבאלד אז די שיחה הנ"ל האט כ"ק מו"ח אדמו"ר געזאגט, און דערנאך האט ער דאס מגי' געווען, אדער (ווי עס ווייזט אויס) ער האט עס אליין געשריבן, און האט עס געהייסן מפרסם זיין און אפדרוקן און איבערדרוקן - איז פארשטאנדיק אז אלץ וואס שטייט דארטן איז שייך צו כאו"א וואס איז שייך לייענען לקוטי דיבורים אן נקודות.

און מצד אהבת ישראל דארף יעדער איינער וואס קען דאס לייענען משתדל זיין איבערגעבן א צווייטן וואס קען ניט לייענען אן נקודות, אדער וואס קען בכלל ניט לייענען אידיש, וואס דעמאלט דארף מען דאס אים איבערזעצן אויף זיין שפראך, "בכל לשון ולשון בכל עם ועם".

וואס די נקודה (וואס מ'דארף אליין ארויסנעמען פון דער שיחה, און וואס מ'דארף איבערגעבן אנדערע) איז - נאך שבת נחמו, און נאך ט"ו באב דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, ; ווארום וויבאלד אז פון דעמאלט אן ווערט לענגער די נאכט, דארף מען ממלא זיין די צוגעקומענע צייט מיט לימוד התורה, ווי דער אלטער רבי זאגט אז מ'זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה בכל לילה ולילה "מעט מעט", וואס דאס איז מדגיש אז אפילו מ'זאל מאכן זיכער אז יעדער נאכט שטייט מען ניט ווי מ'איז געשטאנען נעכטן, נאר מ'האט מוסיף געווען.

**ז.** און דערביי זאגט מען גלייך די שכר וואס מ'ווערט אויף דערויף באקומען (ווי רש"י טייטשט אפ אין גמ'), אז דורך דערויף וואס מחמשה עשר באב ואילך איז מען מוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה, איז "יוסיף חיים על חייו", ווארום "במדה שאדם מודד בה מודדין לו".

וואס בפשטות איז דאס דער ענין פון אריכות ימים, וכידוע דער דיוק בזה, אז ניט דאס ווערט אנגערופן הוספת ימים וכיו"ב, וואס דאס וואלט לכאו' געווען מערער מתאים צו דער תוכן הענין, אז נוסף צו די ימים וואס מ'האט אים געבענטשט אין זיינע 120 יאר - איז מען אים מוסיף נאך ימים, נאר דאס ווערט אנגערופן **אריכות** ימים, אז די טעג ווערן לענגער.

ועד"ז איז דער לשון פון רש"י, ניט "יוסיף ימים על חייו", אדער "יוסיף ימים על ימיו" - נאר "יוסיף **חיים** על חייו".

וואס לכאו' איז דאס ניט פארשטאנדיק: א טאג האט מערניט ווי 24 שעה, און אזוי איז דאס אויך ע"פ הלכה - איז ווי קען מען זאגן **אריכות** ימים, און "יוסיף **חיים** על חייו", אז מ'בענטשט אים מיט לאנגע טעג, און אין זיינע טעג גופא גיט מען אים צו חיים.

איז דער ביאור בזה ווי מ'זעט בפועל: בשעת א מענטש ובפרט א איד נוצט אויס זיין צייט קען ער אויפטאן א ריבוי עצום, מערער וויפיל דער צייט פארמאגט מצ"ע. ד.ה. איינער וואס נוצט אויס א שעה כדבעי קען אויפטאן וואס ביי אנדערע וועט נעמען כמה שעות.

וואס דאס איז דער טייטש פון אריכות ימים: ניט נאר וואס ביי אים קומט צו מערער ימים וויפיל ער האט מצ"ע - נאר די טעג גופא וואס ער האט ווערן "לאנגע" טעג, טעג וואס זיינען אנגעפילט כדבעי.

**ח.** און וויבאלד אז "במדה שאדם מודד בה מודדין לו" - איז פארשטאנדיק אז אויך די עבודה (וואס אויף איר באקומט מען דער שכר פון "יוסיף חיים על חייו", אריכות ימים) דארף זיין מעין דער שכר - ד.ה. אז די עבודה דארף זיין א הוספה סיי אין

כמות און סיי אין איכות, סיי מוסיף זיין מערער זמן, און אין דער זמן גופא וואס מ'האט מוסיף זיין אין איכות.

ובנדו"ד: די הוספה אין לימוד התורה (פון ט"ו באב ואילך) דארף זיין סיי אין כמות און סיי אין איכות.

און וויבאלד אז תורה איז מלשון הוראה און "תלמוד גדול שמביא לידי מעשה" - דארף דער אופן העבודה אויך אראפקומען אין קיום המצוות, כולל אויך אין "בכל דרכיך דעהו" און אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים", אז דאס זאל זיין מיט א הוספה סיי אין כמות און סיי אין איכות.

און דעמאלט באקומט מען דער שכר פון "יוסיף חיים על חייו", אריכות ימים, אז מ'באקומט א הוספה אין טעג בכמות, און אויך אז אין יעדער טאג ווערט א הוספה אין איכות, בלשון פון דעם אלטן רבי'ן - "שגם בתחילתו הוא ארוך".

ס. ובנוגע לפועל מיינט מען אז עס זאל זיין בא כאו"א א הוספה בכמות ובאיכות אין לימוד התורה, ביז אז מ'זאל דאס זען בעיני בשר.

און דאס איז סיי בנוגע צו א יחיד און סיי בנוגע צו א רבים, וואס דעמאלט האט מען כח הציבור און זכות הרבים,

ובמכ"ש פון דעם וואס דער רמב"ם זאגט אז אפילו א יחיד דורך מעשה אחד קען מכריע זיין עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, און ברייגנען ישועה והצלה לכל העולם כולו - איז עאכו"כ כמה מענטשן וואס זיי טוען כמה מעשים האבן זיכער א כח וזכות מיוחד.

וואס דערפאר איז דאס אויך גורם אז דער ברכה וואס ווערט נמשך דורך זייער לימוד התורה - איז א ברכה הכי גדולה.

ביז אז דאס היילט נאכמער צו אז עס זאל אראפקומען דער "ישועה ונחמה" (ווי מ'זאגט אין ברכת החודש בשבת מברכים), און עס ווערט יהפכו ימים אלו "לששון ולשמחה ולמועדים טובים", וויבאלד אז מ'שטייט איצטער אין די "שבעה דנחמתא",

און שוין דעם ר"ח אלול וועט זיין "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו תמידים כסדרם ומוספים כהלכתם", דער קרבן מוסף פון ר"ח אלול, "כמצות רצונך",

בביהמ"ק הנצחי, במהרה בימינו ממש.

* * *

י. אין דער שיחה הנ"ל (געדרוקט אין לקוטי דיבורים) איז ער דערנאך ממשיך, אז דער געוויינליכער אנהויב פון די מאמרים פון שבת מברכים אלול איז געווען: "אני לדודי ודודי לי (ר"ת אלול)", אדער "השמים כסאי", אדער "ראה אנכי נותן לפניכם היום".

יעדער זאך וואס איז פארבונדן מיט תומ"צ איז בתכלית הדיוק, איז פארשטאנדיק, אז אויך דאס וואס עס שטייט אין דער שיחה אז ער **געוויינליכער** אנהויב פון די מאמרים איז געווען די דריי התחלות - איז אויך בדיוק.

וואס בפשטות מיינט דאס, אז מצד איזה סיבות האבן זיך די מאמרים פון שבת מברכים אלול אמאל אנגעהויבן מיט אן אנדער התחלה, אבער די **געוויינליכע** התחלות זיינען געווען די דריי התחלות, "אני לדודי ודודי לי", "השמים כסאי" און "ראה אנכי נותן לפניכם היום".

עד"ז איז דער סדר ווי ער רעכנט זיי אויס אויך מדוייק, און מ'קען זאגן אין דעם'ויף כמה טעמים:

"אני לדודי ודודי לי" האט אלעמאל א שייכות מיט שבת מברכים אלול, וואס "אני לדודי ודודי לי", איז דאך דער ר"ת פון אלול.

משא"כ "השמים כסאי" האט א שייכות מיט דעם שבת נאר ווען דער קביעות איז ר"ח אלול איז ביום השבת; ועד"ז "ראה אנכי גו'" איז ניט אלעמאל בשבת מברכים אלול.

דערפאר רעכנט ער פריער "אני לדודי ודודי לי" אלס דער ערשטער פון די געוויינליכע התחלות פון די מאמרים פון שבת מברכים אלול, וויבאלד דאס איז אלעמאל פארבונדן מיט שבת מברכים אלול, און ערשט דערנאך רעכנט ער די אנדערע התחלות, וואס האבן ניט אלעמאל א שייכות מיט שבת מברכים אלול.

נאך א ביאור וואס מ'קען אין דערויף זאגן: אז דאס איז בפשטות תלוי אין די מספר המאמרים וואס זיינען געווען מיט די התחלות בשבת מברכים אלול: די מערסטע מאמרים בשבת מברכים אלול האבן זיך אנגעהויבן מיט "אני לדודי ודודי לי", און דערנאך זיינען געווען מערער מאמרים מיט די התחלה פון "השמים כסאי" ווי פון "ראה אנכי גו'", דערפאר רעכנט ער אויס פריער "אני לדודי ודודי לי", און דערנאך "השמים כסאי" און דערנאך "ראה אנכי גו'".

**יא.** ע"פ הנ"ל איז מודגש אז עס זיינען פאראן כמה שינויים בנוגע צו דער קביעות פון שבת מברכים אלול און (בדרך ממילא) פון ר"ח אלול.

וע"פ תורת הבעש"ט אז יעדער זאך וואס א מענטש זעט אדער הערט קען ער, ובמילא דארף ער, ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה' - דארף מען אויך ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה' פון דער קביעות מיוחדת פון שבת מברכים אלול און פון ר"ח אלול בשנה זו.

די קביעות מיוחדת פון שבת מברכים אלול און פון ר"ח אלול זיינען תלוי דב"ז: ווען ר"ח אלול איז אין דער וואך פון פ' שופטים איז שבת מברכים אלול שבת פ' ראה; ווען ר"ח אלול איז אין דער וואך פון פ' ראה איז שבת מברכים אלול שבת פ' עקב.

בקביעות שנה איז ר"ח אלול אין דער וואך פון פ' שופטים, במילא איז שבת מברכים אלול שבת פ' "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה", און אין דער קביעות גופא איז ר"ח אלול ביום השלישי בשבוע.

**יב.** דער קישור צווישן "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה" מיט יום שלישי, איז בפשטות:

יום השלישי בשבוע טיילט זיך אויס פון די אנדערע טעג אין דער וואך דערמיט וואס ביום השלישי איז "הוכפל בו כי טוב", און דער צ"צ איז מבאר בארוכה אז די ב' פעמים "טוב" איז "טוב לשמים" און "טוב לבריות".

ד.ה. אז ס'איז ניט מספיק אז עס זאל זיין "טוב לשמים", נאר עס דארף אויך זיין "טוב לבריות".

בעבודת האדם מיינט דאס:

ס'איז ניט מספיק די ענינים וואס מ'טוט פאר דעם אויבערשטן, נאר מ'דארף זיך אויך משתדל זיין טאן מיט א צווייטן אידן, וויבאלד אז עס דארף זיין "ואהבת לרעך" ביז אין אן אופן פון "כמוך" כפשוטו.

וואס דאס איז נוסף צו דעם פירוש הפשוט, אז "טוב לשמים", איז דער ענין פון בין אדם למקום, און "טוב לבריות" איז דער ענין פון בין אדם לחבירו.

**יג.** דער קשר דערפון מיט "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה":

"ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה" מיינט בפשטות אז פון דעם "אנכי" ווערט נמשך א ברכה צו אידן.

וואס בכדי ממשיך זיין די ברכה איז א דבר **הפשוט** אז עס דארף זיין "טוב לשמים", אז מ'דארף זיך פארבינדן מיט "אנכי", מיט דעם אויבערשטן.

דער חידוש קומט צו בשעת ס'איז אויך דא דער "טוב לבריות", איז דאס ממשיך נאכמער ברכה ווי עס ווערט נמשך פון "אנכי" מצ"ע, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא אז דורך דערויף וואס ס'איז דא דער "כולנו כאחד" איז מען ממשיך דער "ברכנו אבינו", וואס דאס איז א הברכה נוספת צו די ברכה וואס ווערט נמשך פון "אנכי" דורך דעם וואס מ'פארבינדט זיך מיט "אנכי".

וע"ד ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר שרייבט אין זיינע רשימות (דערפון וואס ער האט מעתיק געווען בשם פון דעם אלטן רבי'ן), אז בשעת א פאטער זעט ווי זיינע קינדער, זיינען באחדות, איז דאס ביי אים גורם א תענוג און א נחת רוח, ביז אז דאס טוט אויף מערער וויפל מלאך מיכאל טוט אויף:

מלאך מיכאל איז די בחי' פון כהנא רבה, א כהן גדול, וואס דער ענין פון א כהן איז "לברך בשמו", וואס דאס איז בפשטות דער ענין פון ברכת כהנים ["לשאת את ארון ברית ה'" איז פארבונדן מיט די לויים, און "לברך בשמו" איז פארבונדן מיט די כהנים, דער ענין פון ברכת כהנים, ווי רש"י טייטשט אפ].

און דא זאגט מען אז דורך דעם וואס אידן זיינען באחדות, "כולנו כאחד", "טוב לבריות", איז מען ממשיך נאכמער ברכה ווי די ברכה (ברכת כהנים) וואס מלאך מיכאל איז ממשיך.

**יד.** די הוראה דערפון בהוספה אויף די הוראות המדוברות לעיל:

די הוספה אין לימוד התורה (וואס מ'הויבט אן מאכן נאך שבת נחמו) דארף זיין בציבור, ניט נאר אין אופן פון "טוב לשמים", אז ער לערנט פאר זיך, נאר "טוב לבריות" אז ער לערנט אויך מיט אנדערע, וואס דעמאלט איז דאס אין אן אופן פון "כולנו כאחד", במילא איז דאס ממשיך דעם "ברכנו אבינו".

און פון לימוד התורה אין אזא אופן דארף עס דערנאך אראפקומען אין אלע הנהגות פון דעם מענטשן בכל היום כולו, אז זיי זאלן אלע זיין דורכגענומען (ניט נאר מיט "טוב לשמים", נאר אויך) מיט "טוב לבריות".

אנהויבנדיק פון טאן אין די מבצעים, "מבצע אהבת ישראל", וואס דאס איז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", און "מבצע חינוך" - מחנך זיין סיי א קטן בשנים, און סיי א קטן בידיעות, און מחזק זיין בא זיי אהבת ה' און אהבת התורה און אהבת ישראל, וואס זיי זיינען אלע כולא חד.

און פון דער רגש שבלב פון אהבת ישראל - אראפברייינגען דאס אין א מעשה בפועל ממש, אין די שאר המבצעים: "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע טהרת המשפחה", און "מבצע כשרות האכו"ש", וכמדובר כמ"פ.

**טו.** בקשר מיט "ראה אנכי נותן לפניכם היום" קומט צו נאך א דבר נפלא:

אין לקו"ת ריש פרשתנו (פ' ראה) שטייט: "ארז"ל כל מקום שנאמר היום הוא נצחי ולעולם גם היום הזה", און ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון גופא וואס עד היום הזה לייענט מען בתורה "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה".

ד.ה. אז די ברכה וואס ווערט נמשך פון דעם אויבערשטן איז א ברכה נצחית וואס איז שטענדיק דא.

וויבאלד אז "במדה שאדם מודד בה מודדין לו" - דערפאר דארף זיין אין די עבודה פון כאו"א מעין פון דער ענין הנצחיות ("היום הוא נצחי") וואס איז פאראן אין דער ברכה וואס ווערט נמשך דורך די עבודה.

וואס לכאו' איז דאס אבער ניט אזוי, ווארום עבודת האדם באשטייט בעיקר פון קיום המצוות, און מצוות זיינען דוקא בהגבלה, זיי געפינען זיך דוקא אין א מקום און זמן מוגבל, כידוע החילוק צווישן תורה און מצוות - איז ווי איז שייך זאגן דער ענין הנצחיות אין קיום המצוות?

**טז.** איז דער ביאור בזה, אז כאטש מצוות זיינען מוגבלים, איז אבער דער תוכן זייערער א תוכן נצחי:

לדוג' ווי אין מצות תפילין [וואס "הוקשה כל התורה לתפילין"]: אין מצות תפילין זיינען דא צוויי פרטים - דער עצם הנחת התפלין, און די כוונה פון שעבוד הלב והמוח, אז בשעת מ'טוט אן די תפילין, דער של יד כנגד הלב און דער של ראש כנגד המוח, דארף מען מכוון זיין לשעבד הלב והמוח, וואס אויך דאס איז א חלק פון דער עצם מצוה.

דער חלק המצוה פון דער עצם הנחת תפילין איז אבער מוגבל אין זמן, אז מ'קען דאס נאר מקיים זיין ביום ולא בלילה, ווארום "לילה לאו זמן תפילין הוא", בשעת עס קומט שקיעת החמה דארף מען חולץ זיין די תפילין, ועד"ז איז בשבת ויו"ט און בר"ה ויוהכ"פ און בחול המועד וכו', אז דעמאלט טאר מען ניט לייגן קיין תפילין, ווארום וויבאלד אז דעמאלט דארף מען דאס ניט, במילא איז דאס אסור;

דאס איז אבער נאר בנוגע צו דער עצם פעולה פון הנחת תפילין; בנוגע אבער צו די כוונה פון שעבוד הלב והמוח איז ח"ו דאס צו חולץ זיין ווען עס קומט לילה. ועד"ז בשבת ויו"ט דארף דעמאלט אויך זיין די כוונה פון שעבוד הלב והמוח צו דעם אויבערשטן, ואדרבה - שבת איז דאך "שבת לה'", און יוהכ"פ איז "שבת שבתון לה'" - דארף דאך דעמאלט זיין שעבוד הלב והמוח נאכמערער ווי בשאר כל הימים. ועד"ז אויך ביום טוב, וואס זיי זיינען דאך "בעסערע" טעג (יום סוב) ווי שאר הימים - דארף מען דעמאלט זיכער האבן שעבוד הלב והמוח.

וואס דערפון קומט אויס אז בשעת א איד לייגט תפילין, האט ער די פעולה גשמית ומוגבלת פון הנחת תפילין אין א זמן מסויים ומוגבל; און צוזאמען דערמיט, האט ער אין דער פעולה מוגבלת דער ענין הנצחיות פון די כוונה פון שעבוד הלב והמוח וואס ווערט נמשך אויך דערנאך ווען ער איז חולץ די תפילין.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו שאר כל המצוות.

**יז.** א צווייטער אופן ווי מ'האט דער ענין הנצחיות אין א מצוה מוגבלת, ובפשטות:

דורך דערויף וואס מ'פועל'ט אויף א זולת אז ער זאל לייגן תפילין כהלכתו בדיוק, ביז אז מ'איז אים אזוי מלהיב, אז מתוך זיין התלהבות פועל'ט ער אויך אויף אנדערע אז זיי זאלן לייגן תפילין כהלכתו, ועאכו"כ אז ער פועל'ט אויף זיינעם א גוטער פריינט, און אויף זיינע קינדער און אייניקלעך, ביז אז מתוך די התלהבות פועל'ט ער אויף זיי אז זיי זאלן זיין טופח על מנת להטפיח.

וואס דורך דערויף האט מען דער ענין פון נצחיות אין דער קיום מצוה מוגבלת פון תפלין - ווארום מ'האט געטאן א פעולה וואס האט פירות און פירי פירות עד סוף כל הדורות, קומט דאך אויס אז די פעולה וואס ער האט געטאן איז א פעולה נצחית.

און דאס פועל'ט אז אויך די ברכה וואס ווערט נמשך דורך די עבודה, זאל זיין א ברכה נצחית, "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה", וואס "כל מקום שנאמר היום הוא נצחי ולעולם גם היום הזה", נוסף צו דער פירוש אז "היום" איז "היום לעשותם" פאר דעם "ולמחר לקבל שכרם".

**יח.** אויף איבער'חזר'ן נאכאמאל די הוראה פון המדובר לעיל:

יעדער איינער דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה, און דאס טאן במיוחד אין אן אופן פון לימוד התורה בציבור, זיך כולל זיין מיט אנדערע אידן, ניט נאר "טוב לשמים", נאר אויך "טוב לבריות".

ובמיוחד זאל מען דאס טאן דורך מייסד זיין א כולל פון כמה אידן וואס לערנען צוזאמען (ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדויות), וכמדובר אז דאס ווערט אנגערופן ניט "כלל" נאר "כולל", וואס דער דיוק בזה איז, אז דאס איז ניט נאר כלל און ניט קיין פרט, נאר דאס איז א "כולל", דאס איז אויך כולל אין זיך און ציט צו נאך אידן, וואס וועלן לערנען תורה אין דעם כולל.

וואס דאס איז אן ענין וואס שטייט בהדגשה בזמן זה, וויבאלד אז מ'שטייט שוין נאך ט"ו באב, און נאך שבת נחמו, ובפרט אז ס'איז שבת מברכים אלול, און דער שבת ווען מ'לייענט "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה", און בפרט אז ר"ח אלול איז ביום השלישי "שהוכפל בו כי טוב", "טוב לשמים וטוב לבריות".

נאך דערויף וואס מ'הויבט אן פון לימוד התורה באופן הנ"ל - קומט עס דערנאך אראפ אויך אין מעשה המצוות, און אין אלע מבצעים, ובפרט אין מצות צדקה, אז דאס זאל זיין דורכגענומען מיט "טוב לשמים" און "טוב לבריות".

**יט.** די צוויי ענינים פון תורה און צדקה שטייט אויך אין היינטיקער הפטורה:

אין דער הפטורה שטייט "וכל בניך למודי ה' ורב שלום בניך", וואס אויף דערויף זאגט די גמ' "א"ת בניך אלא בוניך", "ת"ח מרבים שלום בעולם". וואס דאס איז דער ענין פון תורה.

און גלייך בהמשך לזה שטייט אין דער הפטורה: "בצדקה תכונני", וואס דאס איז בפשטות דער ענין הצדקה, וואס צדקה איז כללות כל המצוות.

וואס דאס זיינען אויך די צוויי ענינים פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" - "במשפט" איז "כהלכתא קדמייתא", דער ענין התורה, און "בצדקה" איז בפשטות צדקה.

ביז אז דורך דערויף קומט מען צו דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" כפשוטו - דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, און עס וועט זיין "שופטים ושוטרים גו' בכל שעריך", "ואשיבה שופטיך כבראשונה", במהרה בימינו ממש.

* * *

**כ.** צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה גו'.



הנחה פרטית בלתי מוגה

* * *

**כא.** ס'איז דאך רגיל אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן טאטן'ס הערות - וואס אויפן זהר פון פ' ראה זיינען ניטא קיין הערות, אבער אין די הערות אויף מס' קידושין רעדט ער וועגן דעם ענין פון הענקה וואס שטייט בפרשתנו.

און אויך א משנה אין פרקי אבות וואס מ'לערנט דעם שבת.

אין פרשתנו קאפיטל טז פסוק א שטייט "שמור את חודש האביב ועשית פסח לה' אלקיך כי בחודש האביב הוציאך ה' אלקיך ממצרים לילה".

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "ממצרים לילה" און פרעגט: "והלא ביום יצאו שנאמר (מסעי לג, ג) ממחרת הפסח יצאו בני ישראל וגו'", און ער פארענטפערט: "אלא לפי שבלילה נתן להם פרעה רשות לצאת שנאמר (בא יב,) ויקרא למשה ולאהרן לילה".

וואס דאס איז א רש"י תמוה, און מ'געפינט ניט אז מפרשי רש"י (די וואס איך האב געזען) זאלן זיך שטעלן אויף דערויף:

פארוואס ברייינגט רש"י א ראי' אז ביום יצאו ממצרים פון פ' מסעי וואס דארטן רעדט זיך וועגן יצי"מ בדרך אגב - ווען עס שטייט בפירוש אין פ' בא וואו עס רעדט זיך וועגן יצי"מ **במקומו**, אז "בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים" (יב, מא),

וואס "בעצם היום הזה" מיינט דאך בפשטות אז דאס איז געווען ביום, און ביום גופא אין "עצם היום", אין א זמן מיוחד ביום, ווי רש"י האט שוין געטייטשט אין פ' לך לך (יז, כג) אז "בעצם היום הזה" מיינט "בו ביום", "ביום ולא בלילה", וואס דערפון איז פארשטאנדיק לכאו' אז עד"ז איז דער טייטש פון "בעצם היום הזה" אין פ' בא, און רש"י פארלאזט זיך אין פ' בא אויף דעם וואס ער האט שוין געזאגט אין פ' לך לך - איז פארוואס אין אונזער רש"י ברייינגט ער ניט די ראי' אז ביום יצאו ממצרים פון פ' בא?

נאכמער: אין פ' בא שטייט ניט נאר אז זיי זיינען ארויס פון מצרים ביום און ניט בלילה, נאר ס'איז גאר געווען אסור צו ארויסגיין בלילה - "ואתם לא תצאו איש מפתח ביתו עד בוקר" (יב, כב) - האט דאך רש"י זיכער געדארפט ברייינגען דערפון די ראי' אז ביום יצאו ממצרים און ניט פון פ' מסעי?

אמת טאקע אז אין ספרי עה"פ בפרשתנו, ועד"ז אין מס' ברכות - ברייינגט זיך אויך די ראי' פון פ' מסעי און ניט פון פ' בא - אבער דאס איז דער דרך הלימוד ע"פ דרוש, ע"פ רמז, ע"פ הלכה, וואס אויף דערויף דארף מען האבן א באזונדערע מאטערניש ווי צו לערנען פארוואס זיי ברייינגען דער פסוק פון פ' מסעי; דער ביאור אבער ע"פ דרוש, אדער ע"פ רמז אדער ע"פ קבלה - וועט אבער ניט זיין קיין ביאור פאר א בן חמש למקרא אין פשש"מ.

**כב.** בשעת מ'הויבט אן זוכן א ביאור (אין פשש"מ) אויף די שאלה - איז די ערשטע ארט וואו מ'זוכט איז במקומו אין פ' בא וואו עס רעדט זיך וועגן יצי"מ.

געפינט מען אבער דארטן די זעלבע שאלה:

אויפן פסוק (יב, יד) "והי' היום הזה לכם לזכרון וחגותם אותו חג לה' גו'", שטעלט זיך רש"י און זאגט "יום שהוא לך לזכרון אתה חוגגו, ועדיין לא שמענו איזהו יום הזכרון, ת"ל זכור את היום הזה אשר יצאתם, למדנו שיום היציאה הוא יום

של זכרון, ואיזה יום יצאו, ת"ל **ממחרת הפסח יצאו**, הוי אומר יום ט"ו בניסן הוא של יו"ט שהרי ליל ט"ו אכלו את הפסח ולבוקר יצאו".

וואס דא שטעלט זיך די זעלבע שאלה ווי אין פרש"י בפרשתנו: פארוואס ברייינגט רש"י א ראי' אויף "איזה יום יצאו" פון דער פסוק אין פ' מסעי, אז "ממחרת הפסח יצאו" - וועו אין פ' בא גופא, אין די **זעלבע** פרשה, שטייט "בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' ממצרים"?

און דא געפינט מען אויך ניט אז מפרשי רש"י זאלן זיך אויף דערויף שטעלן.

ואע"פ אז אויך אין מכילתא ברייינגט זיך די ראי' פון פ' מסעי (און ניט פון פ' בא) - איז אבער כאמור, דאס איז ניט קיין טעם מספיק פארוואס אין **פשש"מ** זאל אזוי אויך שטיין, וויבאלד אז מכילתא איז ע"ד הדרוש וכו'.

**כג.** בשעת מ'פארגלייכט די ראי' פון פ' מסעי ווי עס ברייינגט זיך אין פרשתנו און ווי עס ברייינגט זיך אין פ' בא - זעט מען א שינוי:

אין פרשתנו איז רש"י מעתיק די ווערטער פון דער פסוק אין פ' מסעי "ממחרת הפסח יצאו **בני ישראל** וגו'", משא"כ אין פ' בא איז רש"י ניט מעתיק די ווערטער "בני ישראל", ער איז נאר מעתיק די ווערטער "ממחרת הפסח יצאו" - איז ממ"נ:

אויב מ'דארף האבן די ווערטער "בני ישראל" אלס ראי' ווען די אידן זיינען ארויס פון מצרים - האט ער די ווערטער געדארפט ברייינגען אויך אין פ' בא, און אויב מ'דארף ניט האבן די ווערטער - האט ער דאס ניט געדארפט ברייינגען אין פרשתנו?

אויך דארף מען פארשטיין:

פארוואס איז רש"י מעתיק (בפרשתנו) פון פסוק די ווערטער "ממצרים לילה" - בשעת ער קומט נאר מפרש זיין דעם ווארט "לילה", און אין דער ווארט "ממצרים" גיט ער לכאו' גארניט צו?

אפילו אויב ער דארף מעתיק זיין נאך א ווארט חוץ פון דעם ווארט "לילה" - האט ער געדארפט מעתיק זיין דעם ווארט "הוציאך", ד.ה. מעתיק זיין אין דעם ד"ה - "בהוציאך גו' לילה".

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

**כד.** אין די הערות אויף מסכת קידושין איז ער מבאר (תורת לוי"צ ע' קיז ואילך) דער ענין פון מצות הענקה.

און ער איז מבאר ווי דער ענין פון הענקה איז געווען בא יוסף, וואס ער איז דאך געווען אן עבד עברי, כמ"ש "ושם אתנו נער עבד עברי", וואס דערפאר בשעת ער איז ארויס לחפשי ולחירות האט מען אים געדארפט געבן הענקה, און די הענקה וואס מ'האט אים געגעבן איז געווען "מלבד זה מה שנתן לו פרעה הטבעת ורבד הזהב כו'", איז "עיקר ההענקה הוא מה שנתן לו הקב"ה, והוא מה ששלח את גבריאל ולמדו ע' לשון ולא הוה גמר הוסיף לו אות אחת משמו של הקב"ה שנאמר עדות ביהוסף שמו כו' כדאיתא בסוטה דל"ו ע"ב ע"ש [און ווי רש"י ברייינגט אויך בפירושו עה"ת אין סוף פ' ויחי]", און ער איז דאס מבאר אין אותיות פון קבלה.

דערנאך פרעגט ער אז לכאו' דארף דאך די הענקה קומען פון דעם אדון צו וועמען יוסף איז געווען אן עבד, ד.ה. פון פוטיפר, און ער ענטפערט "י"ל מפוטיפר הי' ג"כ הענקה, והוא מה שניתן לו בתו אסנת כמ"ש ויתן לו אסנת בת פוטיפרע כו'".

און ער איז דארטן אויך מבאר (פאר דערויף) אז דער ענין ההענקה איז ע"ד ווי דער ענין התפילין, און עפ"ז איז ער מבאר די דריי ענינים וועלכע שטייען אין פסוק אז מ'דארף פון זיי געבן הענקה - "הענק תעניק לו **מצאנך ומגרנך ומיקבך**", אז זיי זיינען כנגד די ד' מוחין וואס ווערן נמשך דורך תפילין: "צאנך" איז מוח הדעת הנחלק לחו"ג, "גרנך" איז חטה ושעורה, וואס דאס איז "דגן לאכילה, לחם", וואס לחם איז מוח החכמה, און "יקבך" איז יין, וואס דאס איז מוח הבינה, און די דריי ענינים זיינען צוזאמען דער ענין פון חב"ד.

ועד"ז איז ער מבאר בארוכה אין דער הערה נאך פרטים בנוגע צו מצות הענקה.

ער איז אבער ניט מבאר ווי דער ענין איז אין עבודת האדם, פארלאזנדיק זיך, כדרכו אין די אגרות, אז מ'וועט זיך אויף דערויף אליין כאפן, כמדובר כמ"פ,

וכפי שלתבאר לקמן.

**כה.** דער פרק פון היינטיקן שבת איז - פרק ששי.

אין התחלת פרק (סוף משנה ב') זאגט ר' יהושע בן לוי: "כל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה, שנאמר וממתנה נחליאל ומנחליאל במות",

און די ראי' פון דעם פסוק איז: (עירובין נד, א) "מתנה" גייט אויף תורה וואס "ניתנה לו במתנה", און דערפאר איז ער "נחלו א-ל" שנאמר "וממתנה נחליאל", און וויבאלד ער איז "נחלו א-ל" איז ער "עולה לגדולה" שנאמר "ומנחליאל במות", וואס במות זיינען דאך בערג, אן ענין פון עלי'.

די משנה איז לכאו' אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ער וויל דא מבאר זיין אן ענין **מיוחד** וואס איז פאראן אין עסק התורה - איז פארוואס זאגט ער אז "כל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה" - דאס איז דאך אן ענין וואס איז פאראן אין יעדער מצוה, דורך **יעדער** מצוה ווערט א מענטש נתעלה?!

וואס דאס איז דאך אן ענין פשוט ביותר, און וואו מ'גיט נאר א קוק - אין מאמרי רז"ל, אין מדרש אין חסידות אין קבלה - איז אומעטום שטייט אז דורך יעדער מצוה וואס מ'איז מקיים ווערט מען נתעלה!

ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות אז א מצוה **איז** מלשון צוותא וחיבור, ד.ה. **אז** דורך א מצוה ווערט א חיבור פון נברא מיט בורא, וואס דאס איז די העכסטע עלי' וואס קען נאר זיין -

איז וואס זאגט דא ריב"ל אן ענין מיוחד אין **תורה**, אז "כל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה"?!

עד"ז דארף מען פארשטיין: וואס איז דא דער דיוק "כל מי **שעוסק** בתלמוד תורה הרי זה מתעלה" - אפילו אויב ער איז ניט עוסק אין תורה, און ער לערנט נאר סתם אזוי תורה - איז ער אויך מחוייב מאכן א ברכת התורה, "אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו", וואס לכאו' איז ניטא קיין גרעסערער עילוי ווי קענען זאגן אויף זיך אז "בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו"?!

ועד"ז ווען איינער איז עולה צו קריאת התורה - איז אפילו אויב לא ידע מאי קאמר איז ער אויך מחוייב אין ברכת התורה לפני' ולאחרי', און דערמיט יוצא מצות תלמוד תורה - איז וואס זאגט ער דא אז דוקא "מי **שעוסק** בתלמוד תורה הרי זה מתעלה"?



הנחה פרטית בלתי מוגה

די קשיא ווערט נאך שטארקער:

די משנה גייט דא בפשטות אין א סדר מלמטה למעלה: פריער זאגט ריב"ל אז "כל מי שאינו עוסק בתורה נקרא נזוף", און דערנאך זאגט ער אז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה", און דערנאך דארף לכאו' קומען די העכסטע זאך אין **תורה** - זאגט ער "כל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה" - וואס דער ענין פון "מתעלה" ווערט אויפגעטאן דורך יעדער מצוה, כנ"ל?!

וכפי שיתבאר לקמן.

**כו.** המדובר לעיל וועגן דעם ענין פון לימוד התורה, אז "כל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה", און וועגן מוסיף זיין אין לימוד התורה פון ט"ו באב און שבת נחמו ואילך - קומט אויך בהמשך צו דער הצעה (בשיחת ש"פ עקב, כ"ף מנ"א. מוצש"ק פ' עקב) צו מייסד זיין א "כולל תפארת זקנים".

האט מען געטראכט אז מ'וועט גלייך דאס אראפברייינגען לפועל; איינשטאט דעם האט מען אבער גלייך אנגעהויבן א גאנצע שקו"ט און געשיקט צעטלעך און זיך געשפאלטן אויף א האר - טאמער איינער איז איין טאג פאר 50 יאר, וואס דעמאלט איז ער דאך נאך ניט קיין זקן, אפילו לויט ווי עס שטייט אין תקו"ז אז "בן חמשים לזקנה" - צי מ'זאל אים אריינגעמען אין דער כולל אדער ניט?!

פארוואס הויבט מען גלייך מיט אן ענין פון שקו"ט און ספיקות - זאל מען פריער טאן וואס מ'איז זיכער אז מ'דארף טאן, אז אלע די נאך 50 יאר אלט זאלן זיך בפועל אוועקזעצן לערנען תורה, און דערנאך אז עס וועט קומען איינער וואס איז איין טאג פאר 50 יאר אלט, אדער 49 און א האלב יאר אלט, אדער נאך ווייניקער, און ער וויל אריינגיין אין דעם כולל לערנען תורה - וועט מען דעמאלט טראכטן צי מ'קען אים מצרף זיין אין דעם כולל!

וואס דאס איז בכלל א דבר פלא - אז א איד וויל לערנען תורה, ווערט א גאנצע שקו"ט צי מ'קען אים אריינגעמען אין דעם שיעור?!

וואס דער עיקר הכוונה אין דעם וואס מ'האט גערעדט, איז ניט אז עס זאל צוקומען נייע מוסדות, אדער עס זאל צוקומען נייע נעמען - נאר בכדי אז עס זאל פשוט צוקומען אין לימוד התורה און אין לומדי תורה בפועל ממש!

און בכדי דאס דורכפירן בפועל און אין אופן אז דאס זאל האבן א קיום, האט מען מציע געווען אז מ'זאל דאס טאן בהתאחדות, דורך מייסד זיין א כולל וואס דארטן וועלן כו"כ לערנען תורה צוזאמען, וואס דעמאלט איז בטבע האדם אז דער ענין זאל האבן מער קיום און מער הצלחה און מער געשמאק, וויבאלד אז כו"כ טוען דאס צוזאמען, כמבואר אין קונטרס החלצו.

און דערפאר האט מען אויך מציע געווען אז די אלע כוללים זאלן לערנען איין לימוד משותף (נוסף צו שאר הלימודים), און אויך האבן איין נאמען, וואס דאס וועט נאכמער ארויסברייינגען דער התאחדות בזה.

אבער די כוונה פון די אלע פרטים איז - נאר בכדי אז עס זאל צוקומען אין לימוד התורה בפועל ממש.

**כז.** עד"ז האט מען אריינגעשיקט צעטלעך און געפרעגט און געמאכט א גאנצע שקו"ט - וואס איז אויב מ'האט שוין א שיעור בכל יום, אדער דריי שיעורים בכל יום וכו'?

וואס די שאלה באווייזט אויך אז מ'הויבט ניט אן פארשטיין וועגן וואס מ'רעדט:

דאס וואס מ'האט גערעדט איז ניט וועגן אזא וואס לערנט תורה בכל היום כולו, ועד"ז אזא וואס לערנט אין א שיעור 60 מינוט א טאג, און ער לערנט במשך פון די גאנצע 60 מינוט - האט מען וועגען אים ניט גערעדט אין די 60 מינוט;

דאס וואס מ'האט גערעדט איז בנוגע צו די אנדערע 23 מאל 60 מינוט וואס זיינען פאראן אין א טאג, וואס דעמאלט לערנט ער ניט, און דוקא ווייל ער איז "רעטייערד", אדער ער איז ניט אזוי פארקאכט אין זיין מסחר - האט ער ליידיקע צייט, און ער דרייט זיך ארום אזן האט פשוט ניט וואס צו טאן, און ער זוכט ווי צו ממלא זיין דער זמן.

וואס מצד דעם וואס ס'איז פשוט א רחמנות אויף אים, און ס'איז אן ענין פון צער בעלי חיים, וואס א מענטש דרייט זיך ארום און האט ניט וואס צו טאן - איז איינשטאט דעם אז מ'זאל אים זאגן אז ער זאל גיין כאפן פליגן - האט מען מציע געווען, פשוט מצד אנושיות, ניט מצד פרומקייט - אז ער זאל זיך אוועקזעצן לערנען תורה.

און וועגן דעם האט מען גערעדט - ווארום מ'זעט אידן וואס דרייען זיך ארום און זוכן וואס צו טאן, און ניט נאר אידן ערגעץ-וואו נאר אידן וואס געפינען זיך אין ביהכנ"ס און אין א ביהמ"ד - זעט מען ווי זיי דרייען זיך ארום - זאגט מען: האט רחמנות אויף א אידן און גיט אים וואס צו טאן - זעצט אים אוועק לערנען תורה!

**כח.** וואס דערפאר איז אפילו אויב איינער האט א שיעור, אדער כמה שיעורים בכל יום - זעט מען אבער בפועל, ניט נאר בא די וואס זיינען "רעטייערד", נאר אויך בא די וואס טוען אין מסחר - אז מ'האט ליידיקע צייט, טאקע ליידיקע צייט בהיתר, ווייבאלד אז זיי זיינען פון קו הזבולון, אבער פארט ליידיקע צייט - איז צו זיי רעדט מען אז זיי זאלן אנפילן די צייט מיט לימוד התורה.

און מ'דארף צופיל ניט זוכן וואו מ'האט ליידיקע צייט - ווארום מ'זעט אז מ'לייענט א "פייפער" ניט נאר ערב שבת בכדי אז דער שבת זאל זיין א שבת'דיקער, נאר אויך בכל יום - איז צונעמען דער תאוה פון לייענען א "פייפער" זאגט מען ניט; אבער אראפנעמען עטליכע מינוט פון לייענען דעם "פייפער" און דאס אויסנוצן אויף לערנען תורה.

און דער לערנען תורה זאל זיין אין אופן אז בשעת ער האט א קשיא אין גמ', קען ער ניט שלאפן, ווארום וואס הייסט אז ער פארשטייט ניט וואס די גמ' זאגט.

דאס וואס עס טוט זיך אין וואשינגטאן - איז אים ניט נוגע, ווארום ער קען דארטן סיי ווי כמעט ווי גארניט אויפטאן, ובפרט אויב ער איז ניט קיין עסקן ציבורי; אבער א קשיא אין גמ' דארף אים זיין נוגע ביז אז ער קען ניט שלאפן רואיק צוליב די קשיא.

זעט מען אבער בפועל אז איינשטאט דעם וואס א קשיא אין גמ' זאל אים זיין נוגע, איז אים נוגע וואס עס טוט זיך אין וועלט, און גלייך ווי ער כאפט זיך אויף פון שלאף נאך פארן דאוונען גייט ער קויפן א צייטונג צו לייענען וואס טוט זיך, און אויב ניט פארן דאווענען גייט ער דאס קויפן גלייך נאכן דאווענען, און אויב ער איז א זקן ואינו לפי כבודו - שיקט ער זיין זון אדער זיין איינינקעל און זאגט זיי ברענג מיר א צייטונג, ווארום ער דארף וויסן צי דער נשיא קארטער האט מחליט געווען אז ער וועט לויפן אדער ניט, וואס דאס איז דאך אן ענין וואס וועט ערשט זיין נוגע אין "נאוועמבער", אין עטליכע חדשים פון יעצט - אבער ער דאגה'ט וועגן דעם שוין איצטער!

און וועגן אזוינע מענטשן האט מען גערעדט - אז זיי זאלן אויסנוצן און אנפילן (עכ"פ) א חלק פון זייער ליידיקע צייט מיט לערנען תורה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

**כט.** דערנאך קומט צו נאך א נקודה בדבר:

בשעת איינער ווערט א ביסל עלטער אויף די יארן, ווען ער ווערט שוין אנגערופן "זקן", וואס לויט דער משנה איז דאס בא בן ששים, און אין תקו"ז שטייט אז דאס איז שוין בא בן חמשים - רעדט מען זיך איין אז מ'איז פארמאטערט, און נאך דערויף וואס מ'עסט אפ שלש סעודות (אויך בימות השבוע) גייט מען שפאצירן און מ'גייט כאפן לופט, בכדי אפרוען דעם גוף און בכדי בלייבן געזונט וכו', און בשעת מ'גייט שוין שפאצירן מאכט מען א ברכה "אשר ברא ככה בעולמו" אויף די שיינע זאכן וואס מ'זעט.

זאגט די תורה אז "חש בראשו" אדער "חש בגרונו" מיט די אלע פרטים וואס ער רעכנט דארטן אויס - איז די עצה אויף דערויף ניט גיין שפאצירן - נאר "יעסוק בתורה".

וואס דאס איז אפילו אויב דער "חש בראשו" איז אן אמת'ער און ניט קיין איינרעדעניש; בנדו"ד אבער איז דאס אן איינרעדעניש, און דאס איז געווארן א מנהג המדינה, אז ווען מ'קומט צו א געוויסע עלטער דארף מען גיין אפרוען זיך און שפאצירן מצד בריאות הגוף.

מ'קען אים אבער ניט זאגן אז דאס איז אן איינרעדעניש, ווארום דעמאלט וועט ער אדער ווערן ברוגז און בדוקא גיין שפאצירן, אדער ער וועט ווערן אראפגעפאלן בא זיך;

וואס דערפאר דארף מען אים געבן א רפואה ותרופה אויף דער איינרעדעניש, וואס דער איינרעדעניש גופא איז אן ענין פון "חש בראשו", און די רפואה איז ווי די גמ' זאגט - "יעסוק בתורה", אז ער זאל פשוט זיצן און לערנען תורה.

וואס דער פשוט'ער עצה דערצו איז, אז מ'וועט איינשטעלן שיעורים אין שול, און יענער וועט קומען אין שול און ער וועט זען א שיעור וועט ער זיך פאראינטערעסירן אין דעם און זיך צורוקן זען וואס טוט זיך, און ער וועט זיך צוזעצן און הערן וואס מ'לערנט, און אפשר וועט ער פארענטפערן עפעס א זאך וואס אן אים וואלט מען דאס ניט געקאנט פארענטפערן.

און דאס איז די עצה סיי אויף דער ענין פון "חש בראשו" און סיי אויף דער ענין האמור לעיל, אז מ'דרייט זיך ארום און מ'האט ניט וואס צו טאן.

**ל.** וואס אויך אנפילן א ביסל פון דער צייט וואס יענער האט - קען מען אים געבן ריי'ניקן דער שול.

וואס אויף דאס איז א ענין, אז נוסף דערצו וואס דער שול דארף זיין ריין ברוחניות, ד.ה. אז ס'איז אסור לדבר בשעת התפלה און בשעת קריאת התורה, דארף ער אויך זיין ריין בגשמיות, אז עס זאלן ניט ליגן קיין שמוץ אויף די טישן און אויף דעם פלאר פון דעם שול.

ובמכ"ש ווי דאס איז ביי אים אין שטוב: אויב מ'וועט ביי אים פרעגן צי אין זיין שטוב אויף זיין שולחן, וואס ער איז א "שולחן אשר לפני ה'", ליגט א שטיקל שמוץ - וועט ער אים אנקוקן ווי ער איז ניט קיין נארמאלער;

איז עאכו"כ אז אין שול, וואס דארטן איז דער אמת'ער "שולחן אשר לפני ה'", דארף דארטן ניט ליגן קיין שמוץ.

זעט מען אבער בפועל אז עס זיינען פאראן אזוינע וואס רופן זיך אן די בעלי בתים אויף דעם ביהמ"ד און בעלי בתים אויף דער ישיבה - און אעפ"כ ליגט שמוץ אין דער ביהכנ"ס און ביהמ"ד און ישיבה, און אויב עס קומט ניט איינער פאר

ווען זיי האבן מורא צו קוקן אויב דער שול איז ריין - טוען זיי גארניט דאס צו אפריכטיקן!

מ'רעדט שוין ניט וועגן דעם וואס א סידור ליגט אויף א חומש וכיו"ב.

וואס מ'טוט יע איז - ניט מ'הויבט אויף די שמוץ, נאר מ'רוקט דאס אונטער ערגעץ-וואו און מ'באהאלט דאס אז א צווייטער זאל דאס ניט זען.

דער איבערשטער זעט אבער אויך די שמוץ - איז וואס איז די תועלת פון אונטעררוקן דאס?!

אבער אפילו אז מ'וועט געבן יענעם וואס האט ניט וואס צו טאן צו ריייניקען דעם שול - וועט דאס נאר אנפילן א פאר מינוט, א האלבע שעה, פון זיין ליידיקע צייט, און דערנאך וועט ער ווייטער ניט האבן וואס צו טאן;

וואס דערפאר גיט מען די הצעה אז ער זאל זיך זעצן לערנען תורה.

**לא.** דערנאך איז צוגעקומען נאך א שקו"ט: ווער זאל זיין דער מגיד שיעור און ווער זאל זיין דער אנפירער פון דעם כולל?

דא רעדט מען וועגן איינגעמען .די וועלט, וואס ס'איז נאך קיינמאל ניט געווען אזא זמן מוכשר ווי איצטער צו פועל'ן אויף אידן צו לערנען תורה, און אידן ווארטן אז מ'זאל צו זיי קומען און פארשלאגן לערנען תורה - און עס זיינען דא אזוינע וואס טראכטן ווער זאל זיין דער מגיד שיעור?!

אפילו אויב מ'וועט זאגן אז צוויי מענטשן קענען זיין א מגיד שיעור, און זיי האבן ביידע א דעה וואס איין דעה איז אנדערש ווי דעם צווייטנס דעה און זיי קענען זיך ניט צוזאמענרעדן: ווען דער זאגט איין סברא, מוז דער צווייטער זאגן אפכא מסתברא, ווער דער זאגט אז דער שיעור זאל זיין פאר מנחה, זאגט דער צווייטער אז עס זאל זיין נאך מעריב וכו' -

זיינען דא גענוג ערטער פאר ביידע פון זיי - איינער קען גיין צו איין ארט און א צווייטער צו א צווייטער ארט.

אין נ.י. זיינען פאראן 2,000,000 אידן, וואס 1,999,990 פון זיי זיינען ניט תורתם אומנתם ר"ל, און די אויר פון נ.י. איז ניט אן אויר וואס האט אין זיך דער ענין פון לימוד התורה, דער אויר פון נ.י. איז ניט ווי דער אויר וואס איז געווען אין ליובאוויטש בשבת מברכים אלול - דער אויר פון ליובאוויטש דארף מען ערשט ברענגען אין נ.י. וואס דאס טוט א איד -

האט מען גענוג אידן מיט וועמען צו טאן און פועל'ן אז זיי זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה, במילא איז דא גענוג וואס צו טאן פאר צוויי מענטשן, און פאר א סאך מער ווי צוויי מענטשן.

**לב.** ונוסף לזה:

בכדי עס זאלן ניט זיין קיינע מחלוקת - האט מען באווארנט אז דער מרא דאתרא זאל זיין דער אנפירער פון דעם כולל, וואס ער איז דאך דער בעה"ב פון דעם מקום און פון דער קהל וואו ער איז מרא דאתרא,

וואס דערפאר ליגט אויף אים א חיוב און א זכות מיוחד אז ער זאל איינארדענען דעם כולל מיט די אלע פרטים שבדבר.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און אויך - אז ער זאל זאגן א שיעור (לכה"פ) פעם אחת בשבוע.

וואס דאס גופא וועט נאך מוסיף זיין אין דער חשיבות פון דעם ענין בא כאו"א, ווארום זיי זעען אז דער מרא דאתרא אליין לייגט אוועק כל הענינים שלו און ער קומט געבן דעם שיעור.

לג. איך האב באקומען פון כו"כ מקומות אז מ'האט שוין בפועל איינגעשטעלט כמה שיעורים, און מ'האט שוין אנגעהויבן לערנען בפועל.

עס ווייזט אבער אויס אז מ'פארשטייט ניט וואס די כוונה איז - די כוונה איז אז מ'זאל דאס טאן מיט א ברייטער פארנעם!

ד.ה. ניט נאר פועל זיין אויף זיך אין דעם אייגענעם ד' אמות צו לערנען תורה, נאר אויך צו ארויסגיין אין גאס און פועל'ן אויף יעדער איינער וואס מ'קען מיט אים קומען אין דערגרייכונג אז ער זאל זיך אוועקזעצן לערנען תורה.

דאס וואס מ'האט גערעדט איז ניט נוגע נאר צו א חוג מסויים פון אידן, נאר צו אלע אידן: צו א ליטוואק, צו א גאליציאנער, צו א ליובאוויטשער, צו א חסיד און א מתנגד, צו ווייסע און שווארצע, צו א ספרדי און אן אשכנזי, און צו יעדן אידן בכל מקום שהוא, ווארום צו יעדן אידן איז אפגעגעבן געווארן די גאנצע תורה.

אבער בכדי צו דערגרייכן צו די אלע אידן דארף מען ארויסגיין פון די אייגענע ד' אמות און זוכן אידן אין אנדערע ערטער און דאס מציע זיין צו זיי.

לד. טענה'ט ער אז ער וויל ניט ארויסגיין פון די אייגענע ד' אמות און גיין צו אנדערע אידן!

זעט מען אבער אז ווען עס קומט צו גיין שפאצירן, איז ער זיך ניט מסתפק צו גיין שפאצירן נאר אויף זיין אייגענער גאס, נאר ער דארף דוקא גיין אויך אויף א צווייטן גאס, ביז אז ער דארף גיין שפאצירן דוקא איז מרכז העיר!

און עד"ז ווען ער דארף קויפן א טיכל, קען ער דאס ניט קויפן אבי וואו, וואו זיינע שכנים קויפן זייערע טיכלעך, נאר ער דארף זיי באווייזן אז ער גייט צו מקום פלוני, וואס דאס איז דוקא א מקום רחוק פון וואו ער וואוינט, און דארטן קויפן א טיכל, ווארום קויפן א טיכל וואו אלע אנדערע קויפן זייערע טיכלעך איז איננו לפי כבודו, ער מוז האבן א טיכל מיט וואס צו רייבן זיין נאז דוקא ממקום פלוני!

איז בשעת דו גייסט צו יענער שכונה שפאצירן אדער קויפן א טיכל אדער טאן א געשעפט וכיו"ב - געפין די אידן וואס זיינען דארטן און רעד מיט זיי אז זיי זאלן לערנען תורה.

און דער אופן הדיבור איז ניט, אז דו ביסט דער משפיע און דו קומסט טאן א טובה אנדערע אידן, און דערנאך ווערן אן אנפירער פון א "סטאדע" פון אידן און אנפירן מיט זיי מיט א שטעקן.

ווארום ערשטנס טאר מען אזוי ניט רעדן, און צווייטנס: מ'זעט בפועל אז מיט אזא צוגאנג טוט מען אויף פונקט פארקערט ווי מ'וויל אויפטאן.

נאר די עצה דערצו איז צום אלעם ערשטן דארף מען אוועקווארפן דעם שטעקן, און אפילו אויב מ'קען דאס אויף אים ניט פועל'ן, זאל ער עכ"פ באהאלטן דעם שטעקן.

און דערנאך רעדן מיט די אידן בדרכי נועם ובדרכי שלום, אז אזוי ווי ער האט א ביסל ליידיקע צייט, גיב איך דיר אן עצה טובה אז אזוי ווי כ'איז דא א שיעור אין לימוד התורה אין מקום פלוני אין דיין שכונה, וואס דארטן לערנט מען א שיינע זאך און א געשמאקע זאך, און מ'לערנט וועגן דער מצב אין ארץ ישראל, אין פרשת השבוע, און מ'לערנט דאס אויך אין אנגלית - איז פרוואו אויס און קום איינמאל צו דעם שיעור און "טעמו וראו" - דו ביסט צו קיינעם ניט מחוייב, און אויב דו וועסט עס גלייכן וועסטו קומען א צווייטער מאל.

און דאס וואס איך רעד מיט דיר ערשט יעצט וועגן דעם, איז דערפאר וואס ביז איצט האבן איך דיר ניט געטראפן, אבער אזוי ווי איך טרעף דיר יעצט גיב איך דיר די עצה טובה.

**לה.** און בכדי גרינגער פועל'ן אויף זיי אז זיי זאלן וועלן קומען לערנען, דארף מען זיי מסביר זיין וואס תורה איז.

אז תורה איז דער "חמדה גנוזה" און "שעשועים" פון דעם אויבערשטן, און בשעת מתן תורה האט דאס דער אויבערשטער אפגעגעבן אלס א מתנה ["ממתנה נחליאל"] צו יעדן אידן, און דאס אויך אפגעגעבן אלס א ירושה צו יעדן אידן, "תורה צוה לנו משה **מורשה** קהלת יעקב", וואס דערפאר איז ניט דער פשט אז איין איד האט איין חלק פון תורה און א צווייטער איד האט א צווייטער חלק פון תורה, נאר יעדער איד האט די **גאנצע** תורה בירושה.

ביז אז אין די עשרת הדברות האט דער אויבערשטער געזאגט "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים", "לא יהי' **לך** אלקים אחרים", אלס לשון יחיד, ועד"ז אין די שאר הדברות - ווארום דער אויבערשטער האט גערעדט צו יעדן אידן אלס א יחיד ווייבאלד אז יעדער איד האט די גאנצע תורה.

און ווי מפרשים זאגן אז די עשרת הדברות זיינען כולל אין זיך גאנץ תורה, ביז אז דער "וידבר אלקים את כל הדברים האלה לאמר" איז כולל אין זיך "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש",

און דאס האט מען אפגעגעבן יעדן אידן, בכדי אז ער זאל אין דערויף לערנען און דורך דערויף נתעלה ווערן, ווי דער משנה זאגט אז "כל העוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה".

[וואס דאס איז אויך איינע פון די טעמים פארוואס מ'האט געגעבן דעם כולל דעם נאמען "תפארת זקנים", ווארום די גמ' זאגט אז "והתפארת זו מתן תורה", וואס מ"ת איז מדגיש די מעלה פון תורה וואס זי איז אפגעגעבן געווארן צו יעדן אידן אלס א יחיד].

און דאס דארף מען מסביר זיין צו יעדן אידן, אז דערפאר דארף ער זיך עוסק זיין אין לימוד התורה.

און דאס וועט ניט גורע זיין אין דעם וואס איז דאס מסביר צו אנדערע - ווייל דורך דערויף וואס איינער פועל'ט אויף א צווייטן אז ער זאל לערנען תורה וועט דאס ניט גורע זיין אין זיי אייגענער לימוד התורה - ווארום דאס איז "כמדליק נר מנר", וואס דער הדלקה איז גארניט גורע אין דעם ערשטן נר, ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו משה רבינו אז "ואצלתי מן הרוח אשר עליך ושמתי עליהם" און דאס האט גארניט גורע געווען אין משה רבינו.

**לו.** וכאמור לעיל, אז דער עיקר הכוונה פון די גאנצע זאך איז ניט אז עס זאלן צוקומען נייע מוסדות אדער נייע נעמען - נאר אז עס זאל פשוט צוקומען אין לימוד התורה און אין לומדי תורה.

נאר בכדי דורכפירן דאס בפועל און אז עס זאל האבן א קיום - האט מען מציע געווען אז דאס זאל זיין א כולל פאר זקנים, פון א געוויסע יאר און עלטער, ווארום מ'זעט בפועל אז אויב מ'וועט אוועקזעצן א בן מאה און א בן חמש למקרא בא דעם זעלבן שיעור אז זיי זאלן לערנען תורה - וועט עס קיין קיום ניט האבן.

יהודה בן תימא האט בא קיינעם ניט געפרעגט און האט אריינגעשטעלט אין דער זעלבער משנה "בן חמש שנים למקרא" צוזאמען מיט די אנדערע סוגים ביז צו "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם";

אבער בפועל אויב מ'וועט אוועקזעצן א בן חמש למקרא און א בן עשר למשנה און א בן עשרים לכח, ביז א בן מאה, בא דעם זעלבן טיש לערנען - וועט עס צו לייגג ניט האלטן זיך.

בכדי עס זאל האבן א קיום און עס זאל זיין בהצלחה, דארף א בן חמש למקרא זיצן מיט אנדערע וואס זיינען בן חמש, א בן עשר למשנה מיט אנדערע וואס זיינען בן עשר וכו', ביז א בן מאה מיט אנדערע וואס זיינען בן מאה.

און דערפאר דארפן די זקנים גיין אין "תפארת זקנים", און בחורים דארפן גיין אין "תפארת בחורים".

דאס איז אבער אלץ בכדי אז דער לימוד התורה זאל זיין בהצלחה; דער עיקר הכוונה איז אז מ'זאל זיצן און לערנען תורה, און אלע אנדערע ענינים זיינען ניט לעיכובא.

וואס דערפאר אויב עס ווערט א שאלה אויב איינער איז נאר 49 יאר אלט, צי קען ער אריינגיין אין דעם כולל, אדער עס ווערט א שאלה ווער עס וועט זיין דער מגיד שיעור - דארף מען צוליב דעם ניט אפהאלטן דעם שיעור, ווארום די כוונה איז אז מ'זאל לערנען תורה, און ניט אז די וואס זיינען 50 יאר אלט און ניט אינגער דארפן לערנען; ועד"ז ניט אז עס זאל זיין מגידי שיעורים, נאר וויבאלד אז מ'וויל האבן לומדי תורה, דארף מען דערצו האבן אויך מגידי שיעורים.

ועד"ז בנוגע צו די אלע אנדערע שקו"ט וואס מ'האט אין דעם ענין, וואס זיי זיינען אלע ניט נוגע צו דער עצם נקודה, אז מ'דארף אז אידן זאלן זיצן און לערנען תורה.

און אויב מ'וועט דאס נאר אנהויבן טאן בפועל ממש, וועלן רוב פון די אלע שאלות וואס מ'האט אראפפאלן פון זיך אליין.

**לז.** דערביי קומט צו נאך א נקודה:

נאך דערויף וואס מ'האט גערעדט וועגן דעם "כולל תפארת זקנים", אז די וואס זיינען שוין "ריטייערד" און האבן ליידיקע צייט זאלן זיך צוזאמענקלייבן און לערנען תורה - איז וואו איז דער ערשטער ארט וואו מ'האט זיך געדארפט משתדל זיין דאס פועל'ן, איז דאס אין א מושב זקנים, אדער ווי מ'רופט עס היינט, א "נורסינג האום",

איז קיין איין און איינציקער האט זיך ניט געכאפט אויף דערויף; נאר איינער מחוץ לעיר האט מיר געשריבן אז ער וועט דאס טאן - ער האט מיר ניט געפרעגט צי ער זאל דאס טאן, נאר ער האט געשריבן אז ער וועט דאס טאן!

וואס וואו איז א בעסערע ארט צו דאס דורכפירן ווי אין א "נורסינג האום": דארטן געפינען זיך צוזאמען א סאך עלטערע אידן, וואס נאך דערויף וואס זיי עסן האבן זיי רוב פון טאג פשוט גארניט וואס צו טאן, און מ'גיט ארויס גרויסע געלטער

און מ'דינגט ספעציעלע מענטשן וואס זאלן זוכן וועגן ווי צו מבדר זיין די זקנים אז זיי זאלן ניט זיצן בטל ושמם.

און בפועל גיט מען זיי צו אנפילן דער זמן כל מיני דברי רשות, און דברי שטות (וויבאלד אז ס'איז חודש אלול וועט עס ניט שאטן), וכלדוגמא צו יעדן איינעם, ובפרט צו די וואס גייען אויף מבצעים אין די ערטער אויף הנחת תפילין, אדער אויף משלוח מנות וכיו"ב.

וואס דערפאר איז אין די ערטער דאס די בעסטע מעגליכקייטן צו איינפירן דארטן שיעורי תורה, אויב מ'טוט עס באופן המתאים וועט די הנהלה פון די "נורסינג האום'ס" דאנקען אז מ'גיט די זקנים וואס צו טאן.

איי עס וועט דארטן ניט האבן דער נאמען "כולל" - איז ווי געווען פריער, דער עיקר הכוונה איז ניט דער נאמען, נאר אז אידן זאלן לערנען תורה.

לח. בשעת מ'גייט אין די ערטער דארף מען נאר זיין געהיט אז מ'זאל דארטן ארייננגיין אין אן אופן אז דער רב אדער דער וואס פירט אן מיט זיי דארטן - זאל ניט פילן אז מ'וויל מקפח זיין פרנסתו, ווארום דעמאלט וועט ער ניט לאזן אז מ'זאל מאכן די שיעורים וויבאלד אז ער האט מורא פן יחסר לחמו.

ובמכ"ש פון דעם וואס דער וואס גייט דארטן וויל ניט אז א צווייטער זאל עפעס אנרירן אין זיינע געשעפטן, ווארום ער האט מורא פן יחסר לחמו.

ביז אז עס זיינען פאראן אזוינע וואס האבן א האלבן מיליון דאלאר אין באנק, און אעפ"כ האט ער מורא וואס וועט זיין איבעראיאר מיט די געלט, צי ער וועט עס נאך האבן.

וואס לכאו' וואס איז דא וואס צו דאגה'ן - יעדן חודש באקומט ער פון באנק א "סטייטמענט" אז ער האט נאך די געלט אין זיין "באנק-אקוינט", און ניט נאר וואס ער האט ניט ווייניקער געלט ווי פאראיארן, נאר עס קומט אויך צו געלט, און פונקט ווי ביז איצט האט ער ניט פארלארן די געלט, וועט ער עס ווייטער ניט פארלירן - איז וואס דאגה'ט ער?!

אעפ"כ האט איינער אזא געפרעגט בא מיר: וואס וועט זיין אין צען יאר - צי וועט ער נאך האבן די האלב מיליאן אין זיין "באנק אקוינט"? ער האט באקומען די געלט דורך דערויף וואס ער האט געפירט גוטע געשעפטן און ער האט גוטע פארבינדונגען, און וויבאלד אז ער איז א מרה שחורה'ניק האט ער מורא אז ער וועט ניט האבן די געלט אין צען יאר ארום! און וויבאלד אז טבע האדם איז, אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתיים" - וויל ער האבן די געלט אין צען יאר ארום, און דעמאלט האבן צוויי מאל אזויפיל!

און דער איבערשטער האט גארניט וואס צו טאן חוץ צו באווארענען דער מרה שחורה זיינער!

האב איך אים גערענטפערט, אז ס'איז ניטא וואס צו דאגה'ן, ווארום אויב ביז איצט האט ער געהאט די געלט איז ניטא קיין סיבה פארוואס זאל ער עס מיטאמאל פארלירן און אפילו אויב ניט האט ער אויך ניט וואס צו דאגה'ן, ווארום זיין דאגה'ן וועט סיי ווי ניט העלפן.

דער עיקר איז אבער - אויב ער האט ניט וואס צו טאן חוץ פון טראכטן פן יחסר לחמו, און צי ער וועט נאך האבן דער האלב מיליאן אין באנק איבער איאר - זאל ער זיך אוועקזעצן לערנען תורה, וואס דעמאלט וועט ער מרגיש זיין אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", במילא וועט ער אויפהערן דאגה'ן.

**לט.** די כוונה פון די גאנצע רייד, איז ניט אז דאס זאל בלייבן דברים בטלים, נאר אז די ענינים זאלן ארפאקומען בפועל.

וואס דערפאר זיינען אזעלכע ענינים וועלכע מ'מוז רעדן, און ס'איז כדאי נעמען פון די צייט פון כמה מאות בישראל וואס געפינען זיך דא, כן ירבו, צו רעדן וועגן דעם.

און די נקודה איז - אז יעדער איינער און איינע וואס געפינט זיך דא דארף ארויסגיין אין גאס און געפינען נאך אידן און פועל זיין אויף זיי אז זיי זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה, מיט די אלע פרטים ווי גערעדט פריער, וואס באמת זיינען זיי ענינים כלליים, און די פרטים דארף יעדערער ארויסנעמען בכל מקום לפי התנאים שלה.

**מ.** און כאמור, דאס מיינט מען בפועל ממש!

און עס זאל ניט זיין ווי יעדער מאל וואס מ'רעדט, וואס די וואס הערן די רייד זיינען ניט נאר ווי א משפך, וואס איז מכניס בזו און גלייך מוציא בזו - נאר מען איז אזוי ווי א "טלט היון", ווי א זומפ, וואס דער חילוק ביניהם איז:

א משפך גיט לכה"פ ארויס די זעלבע זאך וואס איז אין אים אריין, ער איז מכניס בזו און מוציא בזו, איז אפילו אויב דאס פועל'ט ניט אויף דעם אין וועמען די רייד איז אריין, קען עס דערנאך פועל'ן אויף א צווייטן עכ"פ;

משא"כ א "טלט היון" איז אין זיך אלץ קולט, וואס עס פאלט אים נאר אריין ווערט אויס מציאות, וואס דאס איז דער חילוק צווישן מים און "טלט היון": בשעת א זאך פאלט אריין אין מים קען מען דאס לכה"פ זען, משא"כ בשעת דאס פאלט אריין אין "טלט היון" קען מען דאס ניט זען, דאס איז כאילו ווי ס'איז געווארן אויס מציאות.

ועד"ז בנוגע צו דעם וואס מ'רעדט בא די התוועדויות: מ'הערט וואס מ'רעדט, דערנאך פארשרייבט מען דאס און מ'לייגט עס אוועק אויף דער פאליצע, און ניט נאר וואס ער האט אוועקגעלייגט דער רייד אויף דער פאליצע, נאר ער האט דארטן אלע רייד, ווארום ער מוז זיין דער וואס האט אלע רייד וואס מ'האט גערעדט, און ער מאכט זיכער ניט אפגעבן דאס א צווייטן!

זאגט מען אים, אז די כוונה פון די רייד איז אז די ענינים וועלכע מ'האט גערעדט זאלן אראפקומען לפועל - איז אויב דא ווילסט ניט טאן בפועל וואס מ'האט גערעדט, גיב אפ די רייד צו א צווייטן און ער זאל טאן!

ובנוגע לענינגו מיינט דאס, אז דאס וואס מ'האט גערעדט דא וועגן דעם אז אידן זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה, מיינט מען דאס לפועל, אז יעדערער דא זאל רעדן מיט אנדערע אידן אז זיי זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה.

וואס אידן וואו זיי זאלן נאר זיין, ווארטן זיי אז מ'זאל זיי איבערגעבן דער שליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און וואס א טאג נענטער צו ביאת משיח צדקנו, וואס גרעסער ווערט דער שליחות, און אויב עס פעלט א טאג אין אויספירן דער שליחות ח"ו, פעלט אין דער עצם נצחון המלחמה!

**מא.** און דאס וואס מ'האט גערעדט פריער וועגן לימוד התורה בא זקנים, איז ניט דער פשט אז איצטער איז דער זמן וואס עס דארף זיין א הוספה אין לימוד התורה נאר בא זקנים, און דאס איז שולל דער ענין פון לימוד התורה בא בחורים און דער ענין --- "יהשיב לב אבות על בנים" און די מבצעים בכלל -

נאר אלצעטער איז א זמן וואס עס דארף זיין "חטוף ואכול חטוף ושתי", יעדער זאך וואס מ'קען אריינכאפן טאן דארף מען טאן.

און יש מקום בראש פאר אלע ענינים, און יש מקום בראש אויך פון די מקבלים אויף אלע ענינים; מ'דארף נאר רעדן אלע ענינים ניט בבת אחת נאר זה אחר זה, אבער מ'דארף רעדן וועגן אלע ענינים - וועגן הוספה אין לימוד התורה בא זקנים, וועגן הוספה אין לימוד התורה בא קטנים, און וועגן שאר כל הענינים פארבונדן מיט תומ"צ.

וואס אין אנהויב דארפן די אלע ענינים געטאן ווערן "מעט מעט" - אבער דערנאך דארף מען דאס טאן אין אופן פון "ופרצת".

און ס'איז ביסא אויף דעם קיין "קאפירייט" - די אלע ענינים זיינען שייך צו כאו"א מישראל.

מב. ויהי"ר אז עס זאל זיין "שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך" - אז "בכל שעריך", אין אלע אידישע שכונות זאל יעדער איד זיין א "שופט", וואס ענינו איז לערנען תורה, און א "שוטר", אז ער זאל דאס אראפברענגען אין פועל ממש, צו זיין טבע טראגט אויס אזוי אדער ניט - האט ער אבער אין זיך אן אייגענער "שוטר" וואס מאכט זיכער אז ער זאל דאס טאן בפועל.

און דאס וועט דערנאך ברענגען אז עס וועט זיין דער "ואשיבה שופטיך כבראשונה" אז דער סנהדרין גדולה וועט זיצן אין לשכת הגזית פון דעם ביהמ"ק השלישי, וואס וועט אויפגעבויט ווערן ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

מג. דער ביאור אין פירוש רש"י:

"בעצם היום הזה" שטייט כמה פעמים אין תורה פאר דעם "בעצם היום הזה" וואס שטייט אין פ' בא:

אין פ' נח שטייט (ז, יג) "בעצם היום הזה בא נח גו' אל התיבה", זאגט רש"י אויף "בעצם היום הזה": "למדך הכתוב שהיו בני דורו אומרים אילו אנו רואים אותו נכנס לתיבה אנו שוברין אותה והורגין אותו, אמר הקב"ה אני מכניסו לעיני כולם ונראה דבר מי יקום".

אין פ' לך לך שטייט "בעצם היום הזה" צוויי מאל (בקשר מיט מילת אברהם ובני ביתו): איין מאל שטייט (יז, כג) "ויקח אברהם את ישמעאל בנו ואת כל ילידי ביתו גו' וימל את בשר ערלתם בעצם היום הזה כאשר דיבר אתו אלקים" זאגט רש"י אויף "בעצם היום": "בו ביום שנצטווה ביום ולא בלילה, לא נתיירא לא מן הגוים ולא מן הליצנים ושלא יהיו אויביו ובני דורו אומרים אילו ראינוהו לא הנחנוהו למול ולקיים מצותו של מקום".

דערנאך מיט עטליכע פסוקים ווייטער (שם, כו) שטייט נאכאמאל "בעצם היום הזה נימול אברהם וישמעאל בנו", און רש"י זאגט אויף "בעצם היום הזה": "שמלאו לאברהם צ"ט שנה ולישמעאל שלש עשרה שנים נמול אברהם וישמעאל בנו".

פון די אלע ערטער מיט פירוש רש"י קומט אויס אז דער פירוש אין "בעצם היום הזה" איז ניט, אז דאס רעדט זיך דוקא ביום און ניט בלילה, און ביום גופא "בעצם היום", ד.ה. אין א זמן מיוחד בלום - נאר "בעצם היום הזה" קען אויך זיין בלילה.

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון גופא וואס אין פ' לך לך זאגט רש"י אויף "בעצם היום" (דעם ערשטן מאל) "ביום ולא בלילה", משא"כ אין פ' נח, און דער צווייטער מאל אין פ' לך לך, זאגט עס ניט רש"י - וואס דערפון איז מוכח אז "בעצם היום הזה" מיינט ניט דוקא ביום ולא בלילה, און דערפאר זאגט עס טאקע ניט רש"י אין פ' נח און דער צווייטער מאל אין פ' לך לך, משא"כ דעם ערשטן מאל אין פ' לך לך איז מצד א צווייטע סיבה (ניט מצד דעם וואס עס שטייט "בעצם היום הזה") איז רש"י מפרש אז דאס איז "ביום ולא בלילה".

און דער פירוש פון "בעצם היום הזה" ווי עס קומט אויס פון די אלע ערטער, איז: אז אין דעם טאג איז געטראפן א דבר חידוש, וואס ע"ד הרגיל האט עס ניט געדארפט טרעפן דוקא אין דעם טאג ווען ס'איז געטראפן, און אעפ"כ מצד א צווייטע סיבה איז דאס געטראפן אין דעם טאג:

אין פ' נח: ע"ד הרגיל האבן נח ובני ביתו ניט געדארפט אריינגיין אין תיבה דוקא "לעיני כולם" - נאר וויבאלד אז "בני דורו אומרים אילו אנו רואים אותו נכנס לתיבה אנו שוברין אותה והורגין אותו", דערפאר האט דער אויבערשטער משנה געווען פון דרך הרגיל, און געמאכט א חידוש אז "אני מכניסו לעיני כולם ונראה דבר מי יקום".

אין פ' לך לך (דעם ערשטן מאל וואס עס שטייט "בעצם היום הזה"): ע"ד הרגיל האט אברהם ניט געדארפט זיך מל זיין און מל זיין ישמעאל בנו וכו' דוקא "בו ביום שנצטווה, ביום ולא בלילה" - אבער וויבאלד אז אברהם האט געוואלט באווייזן א חידוש אז "לא נתירא לא מן הגוים ולא מן הליצנים ושלא יהיו אויביו ובני דורו אומרים אילו ראינוהו לא הנחנוהו למול ולקיים מצוות של מקום" - דערפאר האט ער משנה געווען פון דרך הרגיל, און געטאן א חידוש אז "בו ביום שנצטווה, ביום ולא בלילה" האט ער מקיים געווען ציווי ה'.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז דאס וואס רש"י זאגט דא "ביום ולא בלילה" איז (ניט צוליב דעם וואס "בעצם היום הזה" מיינט אז דאס איז "ביום ולא בלילה", כנ"ל, נאר) צוליב דעם חידוש וואס איז דא געווען, אז אברהם האט זיך מל געווען "ביום ולא בלילה", אין אן אופן אז אלע גוים וכו' זאלן דאס זען.

[משא"כ אין די אנדערע ערטער וואו עס שטייט "בעצם היום הזה" קען זיין אז דאס איז געווען בלילה, ווארום אין יענע ערטער איז דער חידוש וואס איז געטאן געווארן ניט פארבונדן דוקא מיט יום און ניט מיט לילה].

דערנאך אז עס קומט צו דעם צווייטן מאל וואס עס שטייט אין פ' לך לך "בעצם היום הזה", קען רש"י ניט טייטשן אז דער "בעצם היום הזה" מיינט דער זעלבער חידוש וואס איז געטראפן וואס דער ערשטער "בעצם היום הזה" באדייט - ווארום דעמאלט דארף ניט שטייען צוויי מאל "בעצם היום הזה",

וואס דערפאר דארף רש"י זוכן א צווייטן חידוש וואס דער (צווייטער) "בעצם היום הזה" ברענגט ארויס.

רש"י קען ניט זאגן אז דער חידוש איז, אז אברהם האט זיך מל געווען אין דעם טאג און ניט געווארט נאך א טאג אדער נאך א חודש (און דאס מיינט דער "בעצם היום הזה") - ווארום מאי קמ"ל: פארוואס זאל אברהםווארטן נאך א טאג און נאך א חודש ביז ער וועט ווערן נאך עלטער ווי ער איז איצט, און דעמאלט זיך מל זיין?!

זאגט רש"י אז דער חידוש וואס דא איז געווען (וואס דערפאר שטייט "בעצם היום הזה") איז - "שמלאו לאברהם צ"ט שנה ולישמעאל שלש עשרה שנים נמול אברהם וישמעאל בנו":

אע"פ וואס אברהם איז געווען א בן צ"ט שנה, און ישמעאל איז געווען בן שלש עשרה שנים, וואס ע"ד הרגיל וואלט אפשר אברהם געדארפט מעכב זיין און זיך ניט גלייך מל זיין - אעפ"כ איז דא געווען דער חידוש אז אברהם האט ניט מעכב געווען און גלייך דעמאלט מל געווען זיך און ישמעאל בנו.

בא דעם ערשטן מאל וואס עס שטייט דא "בעצם היום הזה" - קען דאס רש"י ניט זאגן, ווארום דארטן ווייסט מען נאך ניט ווי אלט אברהם און ישמעאל זיינען געווען בשעת מילתם, במילא קען מען ניט זאגן אז דער חידוש איז, אז אברהם האט ניט מעכב געווען אע"פ וואס ער איז געווען צ"ט שנה און ישמעאל איז געווען שלש עשרה שנים;

משא"כ דעם צווייטן מאל וואס עס שטייט "בעצם היום הזה" קומט עס בהמשך צו דעם וואס עס שטייט ווי אלט זיי זיינען געווען בשעת מילתם - דערפאר איז שייך זאגן דער חידוש הנ"ל.

**מד.** עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דאם וואס שטייט אין פ' בא, "ויהי מקץ שלשים שנה וארבע מאות שנה ויהי בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים" - אז דער פירוש אין "בעצם היום הזה" איז ניט ביום און ניט בלילה - נאר ווי רש"י טייטשט דארטן אפ: "מגיד שכיון שהגיע הקץ לא עכבן המקום כהרף עין כו'".

ד.ה. אז אויך דא איז דער פירוש אין "בעצם היום הזה" אז אין דעם טאג איז געווען א חידוש וואס ע"ד הרגיל האט ניט געדארפט זיין אין דעם טאג - וואס דאס איז אז ע"ד הרגיל האט ניט געדארפט זיין די יצי"מ דוקא אין דעם טאג - אבער "כיון שהגיע הקץ" איז געווען דער חידוש אז "לא עכבן המקום כהרף עין".

און וויבאלד אז דא רעדט זיך אז דער "בעצם היום הזה" איז דער פירוש אז "כיון שהגיע הקץ לא עכבן המקום כהרף עין" - איז פארשטאנדיק אז דאס איז ניט דוקא ביום און ניט בלילה, נאר עס קען אויך זיין בלילה, ווארום ס'איז ניט קיין נפק"מ צי דער קץ וועט קומען ביום צי בלילה - ווען דער קץ וועט נאר קומען וועט דעמאלט זיין "לא עכבן המקום כהרף עין" און מ'וועט ארויסגיין פון מצרים.

**מה.** לפי"ז קען מען לכאו' פרעגן: פארוואס איז רש"י ניט מפרש "בעצם היום הזה" אין פ' נח ע"ד ווי ער איז דאס מפרש אין פ' בא, אז דאס מיינט אז ווען ס'איז געקומען דער זמן צו ברענגען דער מבול האט דער אויבערשטער דאס ניט מעכב געווען אפילו כהרף עין.

דלכאו': אויב רש"י וואלט אזוי מפרש געווען וואלט ער ניט געדארפט דוחק זיין און זאגן אז פון "בעצם היום הזה" לערנט מען אפ אז "היו בני דורו אומרים אילו אנו רואים אותו נכנס לתיבה כו'", וואס דאס איז דאך היפך פשטות הכתובים - ווארום בני דורו פון נח האבן דאך ניט געגלויבט אז עס וועט זיין א מבול, ווארום אויב יע וואלטן זיי דאך תשובה געטאן - איז פארוואס זאל זיי הארן אז נח וועט ארייגיין אין תיבה?!

איז דער טעם אויף דעם פארוואס רש"י קען ניט זאגן אין פ' נח ווי ער זאגט אין פ' בא - ווארום פריער אין פ' נח שטייט (ז, ד) "כי לימים עוד שבעה אנכי ממטיר על הארץ גו'", און רש"י זאגט דארטן (אויף "כי לימים עוד שבעה"): "אלו ז' ימי אבלו של מתושלח הצדיק שחס הקב"ה על כבודו **ועכב** את הפורענות".

וואס דערפאר קען רש"י ניט טייטשן אז ווען ס'איז געקומען דער צייט צו ברענגען דער מבול איז הקב"ה האט דאס ניט מעכב געווען כהרף עין.

**מו.** ע"פ הנ"ל - אז "בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים" מיינט ניט אז דאס איז געווען דוקא ביום, און דאס קען אויך מיינען אז דאס איז געווען בלילה.

איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י בפרשתנו קען דערפון ניט ברענגען א ראי' אז יצי"מ איז געווען ביום.

און דערפאר דארף רש"י ברענגען די ראי' אז יצי"מ איז געווען ביום פון דעם וואס עס שטייט אין פ' מסעי.

**מז.** מ'דארף נאך אבער פארשטיין פארוואס רש"י ברענגט ניט די ראי' אז יצי"מ איז געווען ביום דערפון וואס עס שטייט (אין פ' בא) "ואתם לא תצאו איש מפתח ביתו עד בוקר".

איז דער ביאור בזה - ובהקדם א קושיא פשוטה וואס וועט ווערן ביי א בן חמש למקרא ווען ער וועט לערנען דעם פסוק אין פ' בא [בנוגע צו א בן עשר למשנה און א בן ששים לזקנה - איז א ספק צי בא זיי וועט דא ווערן א קשיא, אבער ביי א בן חמש למקרא וועט זיכער ווערן א קשיא]:

אויב מ'זאגט אז די אידן זיינען ארויס פון מצרים באמצע היום, ווארום "בעצם היום הזה" מיינט חצי היום - איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי דאס איז אזוי געווען ע"פ טבע:

פון דעם וואס עס שטייט דאך אז "ואתם לא תצאו איש מפתח ביתו עד בוקר", איז מוכח אז די אידן זיינען ניט ארויס מביתם ביז בבוקר, און זיי זיינען געווען ששים ריבוא גברים (בא יב, לז) ונוסף לזה נשים וואס זיינען געווען בערך אין דער זעלבער מספר ווי די גברים, ונוסף לזה טף.

און דערנאך האט יעדערער בפ"ע געדארפט גיין בארגן "כלי כסף וכלי זהב ושמלות" פון די מצריים, וואס דאס איז דאך זיכער געווען יענער אינדערפרי, ווי עס שטייט אז נאך מכת בכורות, פאר דערויף וואס זיי זיינען ארויס פון מצרים איז געווען "ובני ישראל עשו כדבר משה וישאלו ממצרים כלי זהב וכלי כסף ושמלות גו' וינצלו את מצרים" (שם, לה-לו), און פאר דעם בוקר האבן זיי דאס ניט געקענט טאן ווייבאלד אז "לא תצאו איש מפתח ביתו עד בוקר".

ונוסף לזה זיינען דעמאלט אויך צוגעקומען צו די אידן די ערב רב (שם, לח), וואס זיי האט מען אויך געדארפט מגייר זיין (ראה פרש"י שם), ווי דער בן חמש למקרא האט שוין פריער געלערנט וועגן דעם ענין הגיור, אז "אברהם מגייר את האנשים" און "שרה מגיירת את הנשים".

וואס די ערב רב זיינען צוגעקומען צו די אידן אויך נאך מכת בכורות, ווארום ביז דעמאלט זיינען זיי דאך ניט געווען זיכער אז די אידן וועלן ארויסגיין פון מצרים, ערשט נאך מכת בכורות זיינען זיי געווען זיכער, זיינען זיי דעמאלט געקומען צו די אידן.

און דערנאך האבן זיך די אידן (ששים ריבוא גברים, מיט באמער ושים וטף) אלע געדארפט צוזאמענקלייבן בכדי ארויסגיין פון מצרים (ווארום זיי זיינען דאך אלע געווען באזונדער בביתם וכו', כנ"ל), און משה ואהרן האבן זיך געדארפט שטעלן בראשם, און מ'האט זיך געדארפט גרייטן מיט די אלע פרטים שבזה ווי און וואס פאר אן אופן ארייננגיין אין מדבר.

וואס אויב מ'וועט זאגן אז די אידן זיינען ארויס פון מצרים באמצע היום (און דאס איז דער פירוש אין "בעצם היום הזה") - איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי די אידן האבן געקענט (ע"פ טבע) טאן די אלע זאכן פון בבוקר (ווען זיי זיינען ארויס מביתם) ביז 12:00 בייטאג?! ס'איז אוממעגלעך?!

און דערפון וואס רש"י זאגט (שם, לז) אז די נסיעה פון רעמסס ביז סוכתה איז געווען באופן ניסי - איז פארשטאנדיק אז שאר כל הענינים וואס זיינען געווען

פארבונדן מיט יציאתם ממצרים זיינען ניט געווען באופן ניסי, ווארום אויב יע האט דאס רש"י אויך געדארפט זאגן - איז איגגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי די אידן האבן געקענט טאן די אלע ענינים ע"פ טבע ביז חצי היום און דעמאלט ארויסגיין פון מצרים?!

**מח.** וואס דערפאר ליגט זיך בא דעם בן חמש למקרא צו זאגן, אז די אידן זיינען טאקע ניט ארויס פון מצרים באמצע היום, נאר זיי זיינען ארויס ווען זיי האבן אפגעטאן די אלע אויבנדערמאנטע ענינים, און אויב ס'איז דעמאלט (ווען זיי זיינען געווארן גרייט צו ארויסגיין) געווען בלילה, זיינען זיי ארויס בלילה.

דערנאך ווען דער בן חמש למקרא קומט צו פרשתנו און ער לערנט אז "הוציאך ה' אלקיך ממצרים **לילה**" - ווערט ביי אים אלץ גלאטיק ווי די אידן האבן געקאנט טאן די אלע ענינים פארן ארויסגיין פון מצרים - ווארום זיי זיינען טאקע ניט ארויסגעגאנגען ביום, נאר בלילה, האבן זיי במילא געהאט א משך זמן צו טאן די אלע ענינים, און דערנאך ארויסגיין פון מצרים.

און דאס וואס עס שטייט אין פ' בא אז "ואתם **לא** תצאו איש מפתח ביתו עד בוקר" - ווייסט ער לערנען אז דאס רעדט זיך וועגן דער נאכט ווען ס'איז געווען מכת בכורות, דאס וואס שטייט אבער אין פ' ראה אז זיי זיינען ארויס בלילה איז דאס דער נאכט **נאך דערויף**.

**מט.** וואס דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י קען ניט ברייגגען קיין ראי' פון פ' בא (אויך ניט פון דעם פסוק "ואתם לא תצאו איש מפתח ביתו עד בוקר") אז די אידן זיינען ארויס ביום, ווארום פון דארטן איז קיין ראי' ניט, ואדרבה - פון דארטן קומט גאר אויס אז זיי זיינען ארויס בלילה, כנ"ל בארוכה.

און דערפאר דארף רש"י ברייגגען די ראי' אז זיי זיינען ארויס פון מצרים דוקא פון דעם פסוק אין פ' מסעי, "ממחרת הפסח יצאו בני ישראל וגו'".

דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברייגגט אויפן פסוק "וחגותם אותו" די ראי' אויף "איזה יום יצאו" דוקא פון דעם וואס עס שטייט אין פ' מסעי "ממחרת הפסח יצאו" און ניט פון דעם וואס עס שטייט אין דער זעלבער פרשה "בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים" און אז ס'איז גאר געווען אסור צו ארויסגיין פון בלילה, וויבאלד אז "ואתם לא תצאו איש מפתח ביתו עד בוקר":

אין דעם פסוק איז ניט נוגע צי די אידן זיינען ארויס פון מצרים ביום אדער בלילה; דא איז מערניט ווי נוגע דער טאג בחודש ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים, צי דאס איז געווען י"ד ניסן, ט"ו ניסן אדער ט"ז ניסן וכיו"ב, ווארום דא איז ניט נוגע דער עצם ענין פון יצי"מ, דא איז נוגע ווען צו מאכן דער חג און ווען צו מקריב זיין דעם קרבן פסח ע"פ דער טאג ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים.

וואס דעראר ברייגגט רש"י ניט קיין ראי' פון דעם פסוק "בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים" און פון "ואתם לא תצאו איש מפתח ביתו עד בוקר" - ווארום פון דארטן ווייסט מען ניט וועלכע טאג אין **חודש** זיי זיינען ארויס פון מצרים;

משא"כ פון דעם וואס עס שטייט אין פ' מסעי אז "ממחרת הפסח יצאו" ווייסט מען וועלכע טאג פון חודש זיי זיינען ארויס פון מצרים, אז דאס איז געווען ביום ט"ו ניסן, ווארום הקרבת הפסח איז געווען בליל ט"ו, און מחרתו איז יום ט"ו, ובמילא ווייסט מען אז דער "וחגותם אותו" דארף זיין בט"ו (ניט בי"ד אדער בט"ז) ניסן - ובלשון פון רש"י "איזה יום יצאו, ת"ל ממחרת הפסח יצאו, הוי אומר יום ט"ו בניסן הוא של יו"ט שהרי ליל ט"ו אכלו את הפסח ולבוקר יצאו".

און דערפון וואס שטייט דערנאך (שם יח) אז "בראשון בארבעה עשר יום לחודש בערב תאכלו מצות עד יום האחד ועשרים לחודש בערב" - איז קיין ראי' ניט אז **יציאת מצרים** איז געווען בט"ו בניסן (וואס זיבן טעג נאך דערויף איז "יום האחד ועשרים" בניסן) - ווארום דער פסוק רעדט זיך דאך וועגן אכילת מצה (און איסור חמץ), וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם קרבן פסח, ניט מיט יצי"מ, וואס דערפאר וואלט מען געקענט זאגן אז "יום האחד ועשרים לחודש" איז זיבן טעג פון דעם קרבן פסח (וואס איז געווען בליל ט"ו בניסן), אדער יצי"מ איז געווען ביום אחר.

**נא.** אין דער רש"י בפרשתנו אבער, רעדט זיך צי יצי"מ איז געווען ביום אדער בלילה, וואס אויף דערויף איז קיין ראי' ניטא פון "בעצם היום הזה יצאו צבאות ה' מארץ מצרים" אין פ' בא, נאר די איינציקע ראי' וואס איז דא אז דאס איז געווען ביום איז פון פ' מסעי, און דערפאר ברייגגט דאס רש"י, כנ"ל בארוכה.

מ'דארף נאך אבער פארשטיין:

אין פ' האזינו שטייט (לב, מח) "וידבר ה' אל משה בעצם היום הזה", שטעלט זיך רש"י אויף דערויף און זאגט, אז "בשלשה מקומות נאמר בעצם היום הזה" - בא נח, כנ"ל, בא יצי"מ אין פ' בא, און דא אין פ' האזינו, און רש"י טייטשט אפ אז "בעצם היום הזה" מיינט "בחצי היום", און אויך דאס וואס שטייט "בעצם היום הזה" בא יצי"מ מיינט "בחצי היום" - "אמר הקב"ה הריני מוציאן בחצי היום".

וואס דערפון קומט דאך אויס אז פון "בעצם היום הזה" אין פ' בא איז יע א ראי' אז יצי"מ איז געווען ביום און ניט בלילה (ניט ווי מ'האט פריער גערעדט) - ווערט צוריק די שאלה פארוואס רש"י בפרשתנו ברייגגט ניט די ראי' פון דעם, נאר ער ברייגגט די ראי' פון פ' מסעי?

אפילו אז מ'וועט זאגן אז אין פ' ראה האט דאך דער בן חמש למקרא נאך ניט געלערנט וואס רש"י זאגט אין פ' האזינו, במילא ווייסט ער ניט אז "בעצם היום הזה" מיינט "בחצי היום" - ווייסט אבער רש"י יע דערפון, האט ער דאס געדארפט זאגן.

ובפרט אז דערנאך וועט דער בן חמש למקרא וועט לערנען וואס רש"י זאגט אין פ' האזינו - וועט ער פרעגן פארוואס האט דאס רש"י ניט געבראכט אלס א ראי' אין פ' ראה.

וכפי שיתבאר לקמן.

**נב.** דער ביאור אין פרקי אבות:

ר' יהושע בן לוי קומט ניט זאגן אין דער משנה אז דורך קיום המצוות ווערט מען נתעלה - ווארום מאי קמ"ל;

ער וויל דא מחדש זיין אז אפילו אויב איינער איז זיך עוסק אין לימוד התורה, און ביי אים קומט אויס אין דעם לערנען באופן אחד, דערנאך קומט אבער סנהדרין (אדער ב"ד) און איז מכריע אז די הלכה איז באופן אחר ווי ביי אים איז אויסגעקומען, ווערט דאך לכאו' בטל דבריו ווי ער האט געלערנט,

און ניט דער פשט אז ער האט געלערנט אין אופן אז ער האט געוואלט ארייננשטעלן אין תורה ווי ביי אים קומט אויס, מגלה פנים בתורה שלא כהלכה, נאר ער האט געלערנט תורה צו הערן וואס תורה וויל אים זאגן, ס'איז אבער בפועל נתברר געווארן אז די הלכה איז ניט ווי ביי אים איז אויסגעקומען -

וואלט מען געקענט מיינען אז דורך זיין לימוד התורה איז ער ניט נתעלה געווארן - ווארום אלץ וואס ער האט געלערנט איז לכאו' בטל געווארן נאכדעם וואס

ס'איז נתברר געווארן די הלכה, איז פארוואס זאל ער נתעלה ווערן, ער האט דאך לכאו' ניט קיין תורה?!

קומט ריב"ל און איז מחדש אז "כל העוסק בתלמוד תורה", אפילו אזא וואס האט געלערנט און דערנאך איז נתברר געווארן אז די הלכה איז ניט ווי ער האט געלערנט - "הרי זה מתעלה".

בנוגע צו קיום המצוות איז דא נאר איין אופן ווי צו מקיים זיין דאס, און דורך דערויף נתעלה ווערן - ווי דאס איז ע"פ דין: דוקא דורך דערויף וואס איינער לייגט תפילין מיט ד' בתים, איז ער מקיים די מצוה און במילא ווערט ער נתעלה; אויב ער לייגט אבער תפילין מיט ג' בתים - איז דאס גלאט גארניט.

משא"כ אין לימוד התורה, איז אפילו אויב עס ווערט נתברר אז די הלכה איז ניט ווי ביי אים איז אויסגעקומען, איז ריב"ל מחדש, אז דורך דער עצם עסק בתלמוד תורה ווערט ער מתעלה.

נג. וע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו בית שמאי און בית הלל, אז טאקע נאך דערויף וואס די הלכה איז נפסק געווארן כבית הלל, איז ניט נאר וואס ב"ש טארן זיך ניט פירן ווי בא זיי איז פריער אויסגעקומען, נאר נאך מער - "ב"ש במקום ב"ה אינו משנה".

אבער אעפ"כ איז דאס ניט שולל דער לימוד התורה וואס איז געווען בא ב"ש, און זיי האבן געמאכט א ברכת התורה אויף די תורה וואס זיי האבן געלערנט, און דורך די תורה זיינען זיי מתעלה געווארן - ווארום אין זייער לימוד התורה איז ניטא קיין חסרון, ס'איז מערניט וואס להלכה פסק'נט מען ניט ווי זיי, ובמילא אין מעשה בפועל דארפן זיי זיך פירן ווי דעת ב"ה.

און ווי ר' טרפון האט געזאגט (ברכות י, סע"ב במשנה) "אני הייתי בא בדרך והטתי לקרות (ק"ש) כדברי ב"ש וסכנתי בעצמי מפני הלסטים,אמרו לו כדאי היית לחוב בעצמך שעברת על דברי ב"ה", ווארום וויבאלד אז די הלכה איז נפסק געווארן ווי ב"ה האט ער זיך געדארפט פירן במעשה בפועל ווי ב"ה;

אבער לאידך גיסא - האבן זיי אים ניט געזאגט "כדאי היית לחוב בעצמך" דערפאר וואס ער איז פון תלמידי ב"ש, ווארום דאס איז טאקע ניט קיין חסרון וויבאלד אז אויך בא תלמידי ב"ש איז געווען דער ענין פון לימוד התורה אזוי ווי בא תלמידי ב"ה, ואדרבה - צווישן זיי איז געווען "אמת ושלום אהבו".

ס'איז מערניט וואס לאחרי שנפסקה ההלכה כדברי ב"ה דארפן זיך ב"ש אויך פירן אזוי במעשה בפועל.

און אזוי ווי עקביא בן מהללאל האט געזאגט לבנו (בשעת מיתתו) (עדיות ספ"ה): "בני חזור בך בד' דברים שהייתי אומר", האט אים בנו געפרעגט: "ולמה לא חזרת בך", "אמר לו אני שמעתי מפי המרובים והם שמעו מפי המרובים אני עמדתי בשמועתי והם עמדו בשמועתן, אבל אתה שמעת מפי היחיד ומפי המרובין מוטב להניח דברי היחיד ולאחוז בדברי המרובים".

וואס דערפון זעט מען אויך אז אע"פ וואס מ'דארף זיך פירן במעשה בפועל ווי דברי המרובין - איז דאס אבער ניט שולל אז ס'איז אויך פאראן דברי היחיד.

נד. און אין דעם באשטייט דער חידוש פון ריב"ל אין דער משנה, אז דורך דער עצם ענין פון עסק בתלמוד תורה ווערט מען נתעלה, אפילו אויב די הלכה איז ניט ווי דער עוסק בתלמוד תורה.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דער דיוק אין "כל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה": אויב יענער איז נאר קורא בתורה, איז דאך ניט שייך זאגן דער גאנצער



הנחה פרטית בלתי מוגה

ענין אז אפילו אויב די הלכה איז ניט ווי אים זאל ער נתעלה ווערן; דוקא אויב ער איז עוסק בתורה און ער קומט צו א מסקנא בשכלו אין דער ענין ־ וואס ער האט געלערנט - איז אויף דעם שייך זאגן דער חידוש פון ריב"ל, אז כאטש די הלכה בלייבט ניט ווי ער אבער ווייבאלד ער האט **עוסק** געווען אין תלמוד תורה ווערט אים נתעלה.

**נה.** אויף דערויף דארף אבער ריב"ל האבן א ראי' - פון וואנעט ווייסט ער טאקע אז איינער וואס איז עוסק בתורה און די הלכה בלייבט ניט ווי אים, ד.ה. דעתו ווערט בטל - איז ער אויך נתעלה.

ברענגט ריב"ל די ראי' דערצו: "שנאמר וממתנה נחליאל ומנחליאל במות":

ווייבאלד אז די תורה איז "ניתנה לו במתנה" פון דעם אויבערשטן - קען מען דאך ניט זאגן אז דער אויבערשטער וועט געבן א מתנה צו א אידן וואס דורך דער מתנה זאל דער איד האבן א ירידה און א קלקול און אראפפאלן.

וואס דערפאר קען מען ניט זאגן אז דורך דעם וואס מ'איז עוסק אין תורה, און דערנאך ווערט נתברר אז די הלכה איז ניט ווי ביי אים איז אויסגעקומען - זאל דאס פועל זיין א ירידה ביי אים.

נאר מ'מוז זאגן אז ווייבאלד אז תורה איז א מתנה, און "ממתנה נחליאל", דורך דער מתנה איז ער "נחלו א-ל" (ווי די גמ' זאגט (עירובין שם)) - איז א זיכערע זאך אז "מנחליאל במות" - אז דורך דערויף ווערט ער נתעלה, וואס "במות" איז דער ענין פון עלי'.

**נו.** די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

אע"פ וואס צווישן לומדי תורה איז איינער א מיעוט, ד.ה. הגם אז ער האט זיך עוסק געווען אין לימוד התורה, און ער האט געלערנט ע"פ כללי התורה, ניט ארויינלייגענדיק אין תורה ־ וואס ער וויל - אבער אעפ"כ איז די הלכה ניט ווי ביי אים איז אויסגעקומען -

איז אבער ווייבאלד אז אזוי איז ביי אים אויסגעקומען בשכלו בשעת ער האט געלערנט תורה וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן במתנה, איז דאך דאס גופא א הוכחה אז אזוי דארף ביי אים אויסקומען מצד שרש נשמתו, אז שרש נשמתו איז פון חסד אדער פון גבורה וכיו"ב, וואס אויף דעם האט ער ניט קיין בחירה, ווארום דער אויבערשטער האט אים געגעבן אזא נשמה און אזא טבע, און אזא שכל וואס ביי אים לייגט זיך אזוי דער ענין.

וואס דערפאר איז זיין לימוד התורה בשלימותו, און ער דארף אויף דערויף מאכן ברכת התורה, ביז אז דורך דער לימוד התורה ווערט ער נתעלה.

לאידך גיסא, דארף ער אבער וויסן אז די הלכה איז גלייך פאר אלעמען, און אזוי ווי עס קומט אויס אין הלכה דארף יעדער איינער זיך פירן, אויך אזא וואס בשכלו און אין שקו"ט פון לימוד התורה איז ביי אים אויסגעקומען אנדערש.

ויש עוד ענינים בזה שיש להאריך בהם (לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ נצו"י, כ"א אלול).

**נז.** דער ענין פון הענקה (ווי ער איז דאס מבאר אין דער הערה אויף מס' קידושין) אין עבודת האדם:

דער ענין פון "כי תקנה עבד עברי שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי חנם" (וואס דעמאלט דארף מען אים געבן הענקה) אין עבודת כאו"א איז דער אלטער רבי

מבאר אין תו"א פ' משפטים עה"פ (עו, ג. ואילך) (ווי דער טאטע צייכנט אן אין דער הערה):

"עבד עברי" גייט אויף יעדן אידן, און "שש שנים יעבוד" גייט אויף די עבודה אין תומ"צ - "יעבוד" מלשון "עיבוד עורות" - וואס יעדער איד טוט במשך די שית אלפי שנין דהוה עלמא, וואס דער כח דערצו קומט דורך משה רבינו, וואס אויף אים גייט דער "כי תקנה", און דערנאך נאך די עבודה במשך די שית אלפי שנין איז "ובשביעית יצא לחפשי חנם" - קומט מען צו צו דער אלף השביעי.

און אזוי ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט בנוגע צו אן עבד עברי כפשוטו, אז ווען מ'שיקט אים ארויס פריי בשנה השביעית איז "לא תשלחנו ריקם", נאר "העניק תעניק לו מצאנך ומגרנך ומיקבך" (פרשתנו טו, יג יד) - איז דאך "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל", דאס וואס דער אויבערשטער זאגט אן אידן צו טאן טוט ער אליין -

דערפאר ווען עס קומט דער סוף פון ימי הגלות אין די שית אלפי שנין, וואס אע"פ אז "אני ישנה בגלותא" - איז אבער "ולבי ער" להקב"ה ולמצוותי' (ווי עס שטייט אין שה"ש רבה), און אידן זיינען בחזקת כשרות אז זיי האבן עובד געווען עבודתם במשך די שית אלפי שנין בשלימותה - גיט דער אויבערשטער הענקה צו יעדער אידן, און ער גיט דאס פון אלע זיינע ענינים, "מצאנך ומגרנך ומיקבך", די אלע ד' מוחין חב"ד.

און אפילו אויב ער דארף זיי געבן די הענקה "מאה פעמים", גיט ער דאס זיי, ווי עס שטייט אין ספרי עה"פ אז "העניק אפילו מאה פעמים".

**נח.** עפ"ז איז פארשטאנדיק דער ספרי (אז הענקה איז "אפילו מאה פעמים"), וואס ס'איז דאך ידוע די קשיא גדולה וואס מ'פרעגט אויף דעם ספרי (תוי"ת עה"פ) - ווי איז שייך זאגן אז ביי איינעם זאל זיין דער ענין פון הענקה **מאה** פעמים:

הענקה (לויט אלע דעות) גיט מען צו אן עבד שמכרוהו ב"ד בגנבתו, וואס בכדי אז מ'זאל אים קענען פארקויפן בגנבתו דארף ער זיין (לכה"פ) י"ג שנה, וואס עפ"ז קומט אויס אז דער ערשטער מאל ווען ס'איז בגדר אז איינער זאל באקומען הענקה איז ווען ער ווערט י"ט שנה (זעקס יאר נאך דעם וואס מ'האט אים פארקויפט ווען ער איז געווען י"ג שנה, וואס דעמאלט האלט ער בא ארויסגיין מעבדות).

דערנאך, בכדי אז מ'זאל אים געבן הענקה "מאה פעמים" - דארף ער גנב'נען נאכאמאל, און מ'דארף אים כאפן, און אויב מ'געפינט ניט די גניבה - פארקויפט מען אים נאכאמאל פאר זעקס יאר, און דעמאלט באקומט ער נאכאמאל (א צווייטע מאל) הענקה.

און אזוי דארף זיין יעדער מאל, אז ער זאל גנב'נען בפועל [ס'איז ניט גענוג אז ער זאל **קענען** גנב'נען, נאר ער דארף גנב'נען בפועל], און מ'זאל אים יעדער מאל כאפן, און יעדער מאל זאל מען ניט קענען געפינען די גניבה, און מ'זאל אים יעדער מאל פארקויפן, אן גלייך ווען ער גייט ארויס נאך ששה שנים, גייט ער נאכאמאל גנב'נען און ער איז נאכאמאל מצליח וכו', און אזוי טוט ער **מאה** פעמים, ד.ה. אפילו נאך דעם וואס ער איז א באוואוסטער גנב וואס האט שוין גע'גנב'ט 99 מאל, טוען די פאליציי גארניט און ער גנב'ט א הונדערט'ן מאל!

וואס דעמאלט קומט אויך אויס אז ווען מ'פארקויפט אים דעם הונדערטס'טן מאל - איז ער 613 יאר אלט!

וואס ע"פ כל זה איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק וואס דער ספרי זאגט אז הענקה איז "אפילו מאה פעמים"?!

**נס.** ע"פ המבואר לעיל ווי דער ענין פון הענקה איז ברוחניות איז דאס פארשטאנדיק:

אלע אידן זיינען "כאיש אחד". איז מעגליך אז במשך די אלע שית אלפי שנין דהוה עלמא זאל זיין מאה גניבות צווישן אלע אידן.

און דעמאלט זאגט מען אז "אפילו מאה פעמים" וועט זיך דער אויבערשטער מאטערן יעדער מאל און געבן אידן הענקה.

און בשעת מ'זאגט מאה פעמים איז דאס לאו דוקא נאר מאה פעמים, נאר אויך מערער פאר מאה פעמים, ווארום דער שיעור למעלה איז ניט דער שיעור למטה (?).

ועד"ז ווי מ'זאגט בנוגע צו "פתוח תפתח", וואס דאס איז "אפילו מאה פעמים" - איז דער פירוש אין דעם ניט אז אויב דער עני קומט מערער ווי מאה פעמים איז מען אים ניט מחוייב געבן - נאר וויפל מאל ער וועט נאר קומען בעטן, דארף מען אים געבן, און אויב מ'גיט אים ניט איז מען ניט מקיים דער מצוה.

ועד"ז אויב דער אויבערשטער דארף געבן אידן מערער ווי מאה פעמים הענקה.

און וויבאלד אז בערב שבת דארף מען שוין טועם זיין פון אלע תבשילין שלום השבת - איז די הענקה וואס דער אויבערשטער וועט געבן אידן אין אלף השביעי הויבט ער שוין אן זיי געבן נאך אין סוף פון אלף הששי, אין די לעצטע טעג פון גלות, כנ"ל.

**ס.** דער ענין אז אין די לעצטע טעג פון גלות איז מען טועם פון די תבשילין וועלכע וועלן זיין אין דער אלף השביעי - איז ע"ד דער ענין וואס מ'האט גערעדט בארוכה (בלקו"ש מסעי - בין המצרים ש.ז.) פון תנחומא, אז דורך לערנען און עוסק זיין זיך אין "צורת הבית ותכונתו ומוצאיו ומובאיו גו'" זאגט דער אויבערשטער אז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית".

און דער מדרש דערציילט אז אויף די טענה פון יחזקאל "עד עכשיו אנו נתונים בגולה בארץ שונאיו ואתה אומר לי לילך להודיע לישראל צורת הבית כו' וכי יכולין הן לעשות הבה להם עד שיעלו מן הגולה כו'", האט דער אויבערשטער געענטפערט "ובשביל שבני נתונים בגולה יהא **בנין בית בטל**", און דערפאר זאלן זיי זיך עוסק זיין בלימוד "צורת הבית כו'".

האט מען מבאר געווען (שם ס"ג) אז פון דעם לשון איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם לימוד איז "בנין ביתי" **ניט** "בטל", ד.ה. (הערה 33 שם) אז ניט נאר וואס דער גברא וואס איז עוסק אין לימוד צורת הבית כו' איז כאילו ווי ער איז עוסק בבנין הבית - נאר ס'איז כאילו ווי ער האט אויך א חלק אין דער חפצא פון דעם ביהמ"ק.

**סא.** האט מען זיך אויף דערויף געשטעלט (בהערות הת' ואנ"ש) וואס איז דער פירוש אז דורך דעם לימוד ב"צורת הבית כו'" איז "בנין ביתי" **ניט** "בטל".

און מ'האט געוואלט מבאר זיין אז דער פירוש אין דעם איז, אז דער לימוד אין צורת הבית כו' איז ע"ד ווי דער ענין פון די דיפתראות ופנקסאות פון דעם ביהמ"ק, וואס אן די דיפתראות ופנקסאות קען מען ניט בויען דעם ביהמ"ק, וואס דערפאר איז דער לימוד בזה א **חלק** (והתחלה) פון בויען דעם עצם ביהמ"ק.

דאס איז אבער א ביאור ווי דער לימוד אין צורת הבית כו' איז נאר א חלק פון דער פעולה פון בויען דעם ביהמ"ק - אבער ניט ווי דאס איז א חלק פון דעם עצם בנין אליין.

**סב.** איז דער ביאור בזה ווי דער לימוד פון צורת הבית כו' איז א חלק פון דער עצם ביהמ"ק:

אין ביהמ"ק זיינען פאראן צוויי ענינים: דער ביהמ"ק הגשמי, וואס באשטייט פון עצים ואבנים וכו'; און דער מחשבה און כוונה וואס איז פאראן אין ביהמ"ק, ע"ד ווי דער ענין פון די חכמי לב וואס איז געווען אין משכן.

ועי"ד ווי מ'געפינט בכמה מצוות (בהבא לקמן ראה ב"ח או"ח ר"ס תרכה):

**מצות** תפילין באשטייט פון צוויי ענינים: דער עצם הנחת התפילין, און די כוונה פון שעבוד הלב והמוח. ד.ה. אז די כוונה פון שעבוד הלב והמוח איז ניט א דבר נוסף צו דער עצם מצוה (ווי בשאר המצוות), נאר זי איז א חלק פון דער עצם מצוה, און אויב עס פעלט די כוונה פעלט אין דער מצוה.

עד"ז **מצות** ציצית באשטייט פון דער עצם נטילת הציצית און פון די כוונה פון "למען תזכרו גו'".

עד"ז **מצות** סוכה באשטייט פון דער עצם ישיבה בסוכה און פון די כוונה פון "למען ידעו דורותיכם כי בסוכות הושבתי את בנ"י בהוציאי אותם גו'".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דער ביהמ"ק, אז דער עצם ביהמ"ק באשטייט פון דער ביהמ"ק הגשמי, די עצים ואבנים וכו', און פון די מחשבה וכוונה וואס גייט ארייין אין בויען דעם ביהמ"ק, ע"ד ווי דער ענין פון חכמי לב אין משכן, ד.ה. אז אויך די מחשבה ווי צו בויען דער ביהמ"ק איז א חלק פון דער עצם מצוה פון בנין ביהמ"ק.

און ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דער ביהמ"ק גשמי, ד.ה. די עצים ואבנים וכו', אז גלייך דער ערשטער וואס ברייינגט דער ערשטער אבן אדער לבנה פאר דעם ביהמ"ק, איז אפילו אויב דער בנין ביהמ"ק וועט ערשט זיין כמה שנים לאח"ז - האט ער אבער אויך דער מענטש און דער אבן וואס ער האט געבראכט א **חלק** אין דעם עצם ביהמ"ק, ע"ד ווי ס'איז געווען בא בנין שלמה, אז ערשט שבעה שנים נאך דעם וואס דער ערשטער האט געבראכט דעם ערשטן אבן האט ער געבויט דעם ביהמ"ק, אבער אעפ"כ האט אויך יענער (מיט דער אבן וואס ער האט געבראכט) א חלק אין דער עצם ביהמ"ק.

עד"ז איז דער תנחומא מחדש בנוגע צו דער מחשבה וואס גייט ארייין אין בויען דעם ביהמ"ק, וואס דאס קומט פון דער לימוד הלכות וועגן צורת הבית וכו' - אז דער עצם בנין ביהמ"ק הויבט זיך אן פון דער לימוד צורת הבית כו', ד.ה. פון דער מחשבה און דער ענין פון חכמי לב וואס איז פאראן אין דער ביהמ"ק, וואס אויך דאס איז א חלק פון דער עצם ביהמ"ק, ע"ד ווי דער כוונה פון שעבוד הלב והמוח איז א חלק פון מצות תפילין, און דערפאר איז דורך לימוד צורת הבית כו' איז "בנין ביתי" ניט "בטל".

און אע"פ אז דעמאלט איז נאך ניטא דער ביהמ"ק הגשמי - איז אבער וויבאלד אז די מחשבה איז א חלק פון דער ביהמ"ק, איז אפילו אן דער חלק הגשמי שבהמצוה איז דאס אויך אן ענין - ע"ד ווי בנוגע צו מצות תפילין, אז אפילו נאך דערויף וואס ער איז חולץ די תפילין (דער חלק גשמי בהמצוה) דארף דערנאך אבער בלייבן דער ענין פון שעבוד הלב והמוח.

לכאו' קען מען נאך אבער פרעגן: דער רמב"ם זאגט דאך אז משיח וועט בויען דעם ביהמ"ק - איז ווי זאגט מען דאס אז דורך לימוד צורת הבית כו' שוין בזמן הזה בויט מען דעם ביהמ"ק?

באווארנט דאס דער רמב"ם אליין: דער רמב"ם זאגט אז משיח וועט בויען דעם ביהמ"ק "**במקומו**", וואס דאס איז דער חידוש פון דעם וואס משיח וועט בויען דעם

ביהמ"ק, אז דוקא ער וועט עס בויען "במקומו" אויפן הר הבית, משא"כ איצטער בויט יעדער איינער דער ביהמ"ק במקומו **שלו**.

ויש להאריך בזה עוד כמה וכמה.

**סג.** ויה"ר אז מ'זאל ניט דארפן רעדן וועגן דעם ביהמ"ק, נאר מ'וועט עס זען בפועל ממש, ווי מ'זאגט אין דאוונען (ווי מ'האט געזאגט בתפלה בבוקר, און ווי מ'וועט באלד זאגן אין תפלת מנחה) - "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", מ'וועט זען דער ביהמ"ק גשמי, וואס לבנה ע"י משיח צדקנו,

און עס וועט זיין "והיתה לה' המלוכה", ווי דער רמב"ם איז מסיים די הלכה אין הל' מלכים.

* * *

**סד.** דער ביאור פארוואס רש"י ברענגט ניט די ראי' אין פרשתנו אז יצי"מ איז געווען ביום פון דעם וואס עס שטייט (אין פ' בא) "בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים", לויט ווי רש"י איז דאס מפרש אין פ' האזינו, אז "בעצם היום הזה גו'" מיינט אז "בחצי **היום**" זיינען אידן ארויס פון מצרים -

וועט זיין פארשטאנדיק דערפון וואס רש"י איז דארטן (אין פ' האזינו) מקדים בהתחלת פירושו "בשלשה מקומות נאמר בעצם היום הזה כו'" (בא נח, בא יצי"מ, און דא בא משה) - דלכאו' פארוואס דארף רש"י זאגן דער מספר המקומות וואס דאס שטייט, "**בשלשה** מקומות כו'", אז מ'וועט א צילל טאן וועט מען אליין וויסן וויפל מאל דאס שטייט?

נאר דער ביאור בזה איז - אז רש"י איז מקדים "בשלשה מקומות כו'", דערפאר וואס ס'איז ניט בהכרח אז דער טייטש אין "בעצם היום הזה" איז "בחצי היום" (און ניט בלילה), וואס דערפאר איז רש"י מקדים "**בשלשה** מקומות נאמר בעצם היום הזה", און **נאר** אין די דריי ערטער מיינט "בעצם היום הזה" בחצי היום,

ווארום אויב דער טייטש פון "בעצם היום הזה" וואלט געווען בהכרח "בחצי היום", אויב עס וואלט נאר געשטאנען איין מאל, איז דרכו פון רש"י אז ער שרייבט "לא מצאתי לו חבר"; אבער אויב עס שטייט צוויי מאל איז דאס מכריח אז דער טייטש אין דעם איז "בחצי היום"], און אויב עס שטייט דריי מאל צי פיר מאל וכו' איז קיין נפק"מ ניט, ווארום דער טייטש דערפון איז בהכרח "בחצי היום";

וויבאלד אז רש"י שרייבט אבער אז "בשלשה מקומות נאמר בעצם היום הזה", און דער טייטש פון "בעצם היום הזה" אין די ערטער איז "בחצי היום", איז פארשטאנדיק אז בעצם איז "בעצם היום הזה" ניט בהכרח דער טייטש "בחצי היום" (און ניט בלילה), ס'איז מערניט וואס אין די "שלשה מקומות" איז נוטה צו זאגן אז "בעצם היום הזה" מיינט "בחצי היום".

[און דאס וואס רש"י זאגט נאר "**בשלשה** מקומות נאמר בעצם היום הזה", אע"פ אז עס זיינען פאראן נאך מאל'ן וואס עס שטייט "בעצם היום הזה" - האט מען שוין מבאר געווען אמאל (לקו"ש האזינו תשל"ו) (לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ האזינו, תשמ"א)].

**סה.** לפי"ז דארף מען אבער פארשטיין: וויבאלד אז דער טייטש אין "בעצם היום הזה" איז ניט בהכרח "בחצי היום" - איז פון וואנעט ווייסט טאקע רש"י (אין פ' האזינו) אז "בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים" מיינט אז זיי זיינען ארויס "בחצי היום" (און ניט בלילה)?

איז דער ביאור בזה בפשטות: נאך דערויף וואס עס שטייט אין פ' מסעי אז "ממחרת הפסח יצאו בני ישראל גו'" - ד.ה. אז זיי זיינען ארויס פון מצרים ביום - איז נוטה צו זאגן אז "בעצם היום הזה" אין פ' בא מייט "בחצי היום" (און ניט בלילה).

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס אין פרשתנו ברענגט רש"י ניט די ראי' אז אידן זיינען ארויס פון מצרים ביום ולא בלילה פון "בעצם היום הזה" אין פ' בא, ווארום דארטן איז דאס גאר ניט מוכרח אז אזוי איז דער טייטש און דוקא **נאך דערויף** וואס מ'ווייסט וועגן דער פסוק אין פ' מסעי ווייסט מען אויך אז "בעצם היום הזה" אין פ' בא מיינט (מסתמא) "בחצי היום" (ווי רש"י זאגט אין פ' האזינו). און דערפאר - ברענגט רש"י גלייך די ראי' פון פ' מסעי אז זיי זיינען ארויס פון מצרים ביום.

**סו.** בהמשך צו דעם וואס מ'האט פריער דערמאנט וועגן דעם וואס דער אייבערשטער האט געשיקט גבריאל צו אויסלערנען יוסף די שבעים לשון (ווי עס שטייט אין מס' סוטה, און רש"י ברענגט עס אראפ בפירושו עה"ת) - איז כאן המקום צו מבאר זיין דאס וואס מ'האט גערעדט (בשיחת ש"פ עקב, כ"ף מנ"א) וועגן דעם וואס עס שטייט (אין פ' דברים (א, ה)) אז "בעבר הירדן בארץ מואב הואיל משה באר את התורה הזאת", און ווי רש"י טייטשט אפ אז "בשבעים לשון פירשה להם".

וואס מ'האט דעמאלט מבאר געווען דער רש"י (אין דער פסוק שלאח"ז) אויף "רב לכם שבת בהר הזה", אז רש"י רעכנט אויס נאר די זאכן וואס האבנדיק זיי (בשעת "ה' אלקינו דבר אלינו בחורב לאמר רב לכם שבת בהר הזה") זיינען אידן געווארן גרייט צו אריינגיין אין ארץ ישראל.

און דערפאר ברענגט ניט רש"י דער עילוי גדול וואס איז געווען בא מ"ת, אז "השמע עם קול אלקים מדבר מתוך האש כאשר שמעת אתה ויחי" (ווי דער פסוק זאגט שפעטער אין פ' ואתחנן) - ווארום דאס איז געווען נאר א פעולה חד פעמית בא מ"ת, דאס איז אבער ניט נוגע צו די אידן בכניסתם לארץ ישראל.

ווארום אידן זיינען דאך דעמאלט געווען אין א מצב אז פאר דריי טעג האבן זיי געקענט שוין אנקומען אין ארץ ישראל, ווי רש"י זאגט פאר דערויף (שם, ב.), במילא האבן זיי געדארפט דעמאלט האבן גרייט אלע זאכן וואס מ'דארף כדי קענען אריינגיין אין ארץ ישראל.

ובקשר לזה האט מען געבראכט וואס עס שטייט אין דער פסוק פאר דערויף, אז "בעבר הירדן בארץ מואב הואיל משה באר את התורה הזאת - בשבעים לשון פירשה להם", און מ'האט געפרעגט: אויב עס דארף זיין "בשבעים לשון פירשה להם" - האט דאס משה געדארפט טאן בא מ"ת, פארוואס האט ער עס ערשט געטאן ל"ט שנים לאח"ז, "בעבר הירדן גו'" פאר דעם וואס זיי זיינען אריין אין ארץ ישראל.

און מ'האט מבאר געווען, אז נאך מ"ת האבן אידן ניט געדארפט האבן דעם פירוש פון תורה "בשבעים לשון", ערשט אין ארץ ישראל האבן די אידן געדארפט דאס האבן (ווארום דארטן זיינען געווען אנדערע אומות וואס האבן גערעדט נאר בלשונות פון די שבעים לשון) - דערפאר האט זיי משה מפרש געווען די תורה "בשבעים לשון" ערשט פארן אריינגיין אין ארץ ישראל (בסוף פון די ארבעים שנה).

**סז.** האט מען אויף דערויף געפרעגט:

רש"י זאגט דאך (כנ"ל) אז אוועקגייענדיק פון הר סיני האבן די אידן געדארפט אריינגיין אין ארץ ישראל בשלשה ימים (און ערשט שפעטער איז מצד חטא המרגלים זיינען זיי געבליבן אין מדבר ארבעים שנה) - איז מטעם הנ"ל אז משה האט זיי מפרש געווען די תורה גלייך פארן אריין גיין אין ארץ ישראל, וויבאלד אז דארטן וועלן זיי עס דארפן האבן - האט ער דאס זיי געדארפט מפרש זיין דעמאלט, פאר דעם וואס

זיי זיינען אוועק פון הר סיני, וויבאלד אז אין שלשה ימים גייט מען אריין אין ארץ ישראל?!

**סח.** קען מען דאס מבאר זיין אויף כמה אופנים:

אויפן פסוק (בשלח טו, יז) "תביאמו ותטעמו" זאגט רש"י: "נתנבא משה שלא יכנס לארץ כו'"; ער האט טאקע ניט געוואוסט די פרטי הדברים פארוואס ער וועט ניט אריינגיין לארץ, אז ער וועט חוטא זיין - אבער דער כללות הענין אז "לא יכנס לארץ" האט ער געוואוסט.

דערפאר איז ווען מ'האט געהאלטן ביי אוועקגיין פון הר סיני, און משה האט געזען אז ער פירט נאך די אידן - האט ער פארשטאנען אז מ'האלט נאך ניט ביי אריינגיין אין ארץ ישראל, און דאס וואס דער מהלך איז נאר שלשה ימים ביז ארץ ישראל - האט ער פארשטאנען אז עפעס וועט דאס אפהאלטן.

ובמילא האט משה דעמאלט ניט מפרש געווען די תורה פאר די אידן "בשבעים לשון", ווארום ער האט געוואוסט אז מ'האלטן נאך ניט ביי אריינגיין אין ארץ ישראל (וויבאלד אז ער פירט נאך די אידן), ובפרט אז צו מפרש זיין די תורה פאר די אידן "בשבעים לשון" איז א טירחא גדולה.

און משה האט געווארט ביז אז עס וועט זיין זיכער אז מ'גייט אריין אין ארץ ישראל, און דעמאלט וועט ער מפרש זיין די תורה.

און דערפאר איז ערשט בסוף פון די ארבעים שנה, ווען משה האט געזען אז דער אויבערשטער הייסט אים ממנה זיין יהושע, וואס דאס איז שוין א פעולה במעשה בפועל, אז מ'פארבייט משה מיט יהושע - האט משה דעמאלט פארשטאנען אז מ'האלט איצטער ביי אריינגיין אין ארץ ישראל, האט ער דעמאלט "בעבר הירדן" מפרש געווען די תורה פאר די אידן "בשבעים לשון".

**סט.** א צווייטער ביאור:

רש"י ברייגנט אראפ בפירושו עה"ת (ויחי) פון גמ' אין סוטה (ווי גערעדט פריער), אז יוסף האט געוואוסט די שבעים לשון.

אין המשך הגמ' דארטן זאגט ער, אז יוסף האט דאס געוואוסט דערפון וואס מלאך גבריאל איז געקומען צו אים און האט דאס אים אויסגעלערנט.

וואס עפ"ז לייגט זיך צו זאגן אז דאס וואס משה רבינו האט געוואוסט די שבעים לשון אויף וועלכע ער האט מפרש געווען די תורה, איז אויך געווען דורך דערויף וואס מלאך גבריאל האט דאס אים אויסגעלערנט.

און כל זמן גבריאל האט אים דאס ניט אויסגעלערנט האט ער דאס ניט געוואוסט, במילא האט ער נאך דעמאלט נאך ניט געקענט מפרש זיין די תורה אויף די שבעים לשון.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער האט געוואוסט אז די אידן וועלן ניט אריינגיין אין ארץ ישראל במשך פון דריי טעג פון זייער אוועקגיין פון הר סיני, ובמילא דארפן די אידן דעמאלט ניט האבן פירוש התורה אויף שבעים לשון (ווארום דאס איז נוגע צו האבן דוקא אין ארץ ישראל),

און אויך דערנאך האט דער אויבערשטער געוואוסט אז די אידן וואס האבן געלעבט דעמאלט (ווען מ'איז אוועק פון הר סיני), וועלן אלע סיי ווי ניט אריינגיין אין ארץ ישראל, נאר זייערע קינדער וועלן דארטן אריינגיין, "ואתם

הדבקים בה' אלקיכם חיים כולכם היום" - איז דאך ניטא קיין תועלת אין מפרש זיין די תורה דעמאלט פאר די אידן בא הר סיני -

דערפאר האט דער אויבערשטער דעמאלט ניט געשיקט מלאך גבריאל צו אויסלערנען משה די שבעים לשון בכדי ער זאל קענען מפרש זיין די תורה אויף די לשונות.

"צדיק ורשע" איז טאקע "לא קאמר" - אבער דער אויבערשטער זאל טאן א פעולה וואס האט קיין תועלת ניט (שיקן גבריאל צו אויסלערנען משה די שבעים לשון בכדי ער זאל קענען מפרש זיין די תורה פאר די אידן וואס וועלן **ניט** אריינגיין אין ארץ ישראל) - האט קיין קלעפ ניט.

און דערפאר איז ערשט דעמאלט ווען דער אויבערשטער האט געוואוסט אז די אידן האלטן ביי אריינגיין אין ארץ ישראל, און מ'דארף זיי מפרש זיין די תורה אויף שבעים לשון - האט ער דעמאלט געשיקט מלאך גבריאל צו משה ער זאל אים אויסלערנען די שבעים לשון בכדי ער זאל קענען מפרש זיין די תורה.

אבער פאר דערויף וואס דער אויבערשטער האט געשיקט מלאך גבריאל צו משה - איז אפילו אויב משה האט געוואלט מפרש זיין די תורה אויף שבעים לשון - האט ער ניט געקענט.

**ע.** מ'האט זיך אויך געשטעלט אויף דעם וואס מ'האט אין א פריערדיקע התוועדות (ש"פ דברים, שבת חזון) וועגן די שינוי הביטויים וואס דער אלטער רבי נוצט אין פ"ב און אין פ"ז פון שעהיוה"א.

וואס אין פ"ב איז דער אלטער רבי שולל די וואס זאגן אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע, און ער נוצט לשונות אז די וואס זאגן אזוי זיינען "מינים" און "כופרים באותות ומופתי התורה", און "טח מראות עיניהם"; משא"כ אין פ"ז וואו ער איז שולל די שיטה פון צמצום כפשוטו נוצט ער ניט קיין שארפע לשונות אויף די וואס האלטן אזוי.

און מ'האט דאס מבאר געווען בארוכה.

האט מען זיך געשטעלט אויף דעם, און מ'האט געוואלט צוקומען צו א מסקנא אין דער ענין.

איז דאס וואס מ'האט דעמאלט גערעדט, איז נאר געווען לשקו"ט פון דעם ענין, און מ'האט ניט געוואלט קומען צו א הכרעה און צו דברים פסוקים בזה.

און ווי מ'זעט אז אין חסידות און אין דברי רבותינו נשיאינו דערמאנט מען ניט די וואס האלטן פון צמצום כפשוטו בשמם, און מ'איז אויך ניט מאריך אין ביאור שיטתם און די סברות זייערע (און אין שולל זיין זייערע סברות?).

בנוגע צו דער ענין פון צמצום איננו כפשוטו און דער ענין אז די התהוות איז בכל רגע ורגע - רעדט זיך בארוכה אין חסידות; אבער בנוגע צו די שיטה פון צמצום כפשוטו און אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע (וואס ווערט נסתעף פון דער שיטה פון צמצום כפשוטו, ווי גערעדט דעמאלט) - רעדט זיך ניט (בארוכה) אין חסידות.

ולדעתי איז דער טעם לזה - דערפאר וואס די וואס האבן געהאלטן אז צמצום כפשוטו זיינען געווען גדולי ישראל, און זיי האבן אזוי געלערנט אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע מצד **גדלות** הבורא, אז וויבאלד אז ער איז א כל יכול קען ער מהווה זיין א דבר וואס זאל זיין קיים לעולם.

ועד"ז בנוגע צו צמצום כפשוטו: אז וויבאלד אז ס'איז ניט קיין כבוד פאר דעם אויבערשטן צו זיך געפינען במקום "האשפה" בעוה"ז הגשמי - איז מצד **גדלות** הבורא,



הנחה פרטית בלתי מוגה

ניט מצד פחיתות הבורא ח"ו, האט זיך דער אויבערשטער מסלק געווען פון עוה"ז. און ער איז אזוי ווי א "מלך משגיח מחלונו דבר לכלוך" (ווי דער לשון איז אין זייערע ספרים).

וואס פון דער שיטה קומען טאקע ארויס תוצאות דומות ווי פון דער שיטה וואס דער אלטער רבי ברייגנגט אראפ אין פ"ב פון שעהיוה"א - אבער די טעמים זייערע זיינען אנדערש:

אין פ"ב רעדט דער אלטער רבי וועגן די "מינים" און "כופרים", וואס רעדן לגריעותא פון דעם אויבערשטן, און זיי זיינען "מדמין מעשה ה' עושה שמים וארץ למעשה אנוש ותחבולותיו כו'", און וויבאלד אז "טח מראות עיניהם" דערפאר לערנען זיי אז צמצום איז כפשוטו, און אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע;

משא"כ די גדולי ישראל וואס לערנען אז צמצום איז כפשוטו און אז די התהוות איז ניט בכל רגע ורגע (וואס זיי ברייגנגט דער אלטער רבי אראפ אין פ"ז) - זאגן אזוי מצד **גדלות** הבורא.

און דאס איז דער טעם, לדעתי, פארוואס חסידות דערמאנט זיי ניט (די גדולי ישראל) בשמם, און מ'איז ניט מאריך אין מבאר זיין און שולל זיין שיטתם.

**עא.** א דוגמא לדבר:

דער רמב"ם זאגט אין הל' תשובה (פ"ג ה"ז): "האומר שיש שם רבון אחד אבל שהוא גוף ובעל תמונה" איז א מין [ובמילא איז "אין לו חלק לעוה"ב" וכו'].

שטעלט זיך אויף דערויף דער ראב"ד און איז משיג: "ולמה קרא לזה מין וכמה גדולים וטובים ממנו הלכו בזו המחשבה לפי מה שראו במקראות ויותר ממה שראו בדברי האגדות כו'".

וואס דאס איז דער ראב"ד וואס איז מעיד אויף זיי אז זיי זיינען "גדולים וטובים ממנו", וואס דער ראב"ד איז געווען א פוסק אין נגלה, און ער ברייגנגט זיך אין חסידות, און מ'שטעלט אים אויף דער זעלבער שורה מיטן רמב"ם, און בכלל איז ער געווען ראוי צו זיין א בר פלוגתא אויפן רמב"ם -

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז בשעת ער איז מעיד אז "גדולים וטובים ממנו" האבן געהאלטן אז דער אויבערשטער איז א "גוף ובעל תמונה" - זיינען זיי זיכער "גדולים וטובים", מ'איז ניט מחוייב זאגן אז זיי זיינען געווען "גדולים וטובים **ממנו**", אבער עכ"פ "גדולים וטובים", זיינען זיי זיכער געווען, און לדעת הראב"ד זיינען זיי אויך געווען "גדולים וטובים ממנו".

און איצטער זיינען שוין פאראן אחרונים, וואס האבן, ווייזט אויס, געוואלט ווייזן זייער בקיאות, און זיי האבן אנגעצייכענט ווער עס זיינען די גדולים וטובים, וואס פון דארטן זעט מען אז זיי זיינען טאקע גדולים וטובים.

**עב.** און דער טעם זייערער אויף זאגן אז דער אויבערשטער איז א גוף ובעל תמונה וכו' - איז מצד דערויף וואס דער אויבערשטער איז א כל יכול, און אויב מ'וועט זאגן אז ער קען ניט זיין א גוף ובעל תמונה איז דאס גופא אים מגביל.

ועי"ד ווי מיר לערנען, אז דער אויבערשטער האט בכחו דער ענין הגבול, ווי מ'ברייגנגט פון עבוה"ק, אז דער אויבערשטער כשם שיש לו כחו בבל"ג כך יש לו כחו בגבול, ואם לא אתה מחסר בשלימותו, ווארום דאס גופא וואס ער האט ניט בכחו דער ענין הגבול איז א הגבלה.

און דערפאר האט דער אויבערשטער אויך געמאכט דברים מוגבלים, און ער האט זיי געמאכט אין אן אופן אז דער דבר הוי' איז זיך מתלבש אין זיי און איז מהווה דער נברא מוגבל און עד"ז אין יעדער נברא איז פאראן דער דבר הוי' וואס איז אים מהווה, וואס דאס ברענגט ארויס דער כח הגבול פון דעם אויבערשטן.

ובפרט לויט תורת הבעש"ט בזה, אז דער דבר הוי' וואס איז מהווה איין נברא איז שייך נאר און דוקא צו דער נברא, מיט זיינע הגבלות און ער קען ניט מהווה זיין א צווייטער נברא וואס האט אנדערע הגבלות: דער דבר הוי' וואס איז מהווה א האנט מיט עשר אצבעות - קען ניט מהווה זיין א רגל; דער מאמר פון "יהי אור" קען נאר מהווה זיין אור און ניט קיין צווייטע נברא וכו'.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער דבר הוי' איז מוגבל לויט דער נברא מוגבל וועלכע דער דיבור איז מהווה, ד.ה. אז דער דבר הוי' ווי ער געפינט זיך למטה אין עוה"ז הגשמי - איז ער גבול ממש.

און דער טעם פארוואס עס קען אזוי זיין בא דעם אויבערשטן איז - וויבאלד אז ער איז כל יכול, איז אזוי ווי ס'איז פאראן דער ענין פון סוכ"ע, אזוי אויך איז פאראן דער ענין פון ממכ"ע.

ועד"ז זעט מען דאס בנוגע צו דער התהוות פון א דבר גשמי וואס א איד נוצט דערנאך אויף א מצוה: דער דבר הוי' וואס איז מהווה תפילין, איז מהווה דוקא א פאר תפילין מיט ד' בתים, ניט מיט ג' בתים אדער מיט ה' בתים,

און דוקא בשעת דער התהוות איז באופן כזה - קען א איד מקיים זיין מצות תפילין כתיקונו אין אן אופן פון "לא תוסיף" און "לא תגרע".

און דוקא אין דער מצוה מוגבלת - ליגט דער רצון העליון וואס איז בלתי מוגבל.

ועד"ז איז דער ביאור פון די וואס לערנען אז ווען עס שטייט "יד ה'" אדער "רגל ה'" וכו', מיינט דאס כפשוטו - איז דאס מצד דערויף וואס דער אויבערשטער איז כל יכול.

און דער ביאור החילוק צווישן ווי זיי לערנען און ווי מיר לערנען איז דק מן הדק.

**עג.** ועד"ז איז אויך בנוגע צו די שיטה פון צמצום כפשוטו.

וואס דערפאר האט מען נאר גערעדט דער שקו"ט בדבר און מ'האט ניט גערעדט איין הסברה, און אז א צווייטע הסברה האלט ניט אויס, וויבאלד אז ס'איז ניטא קיין הכרעה בענין זה.

דאס וואס מ'האט יע גערעדט וועגן דעם איז נאר געווען דערפאר וואס מ'איז געווען מוכרח רעדן וויבאלד אז מ'האט מבלבל געווען צוויי ענינים;

אבער מ'האט נאר גערעדט בשקו"ט פון דעם ענין, און מ'איז ניט געקומען צו קיין הכרעה און צו קיין מסקנא.

און איינשטאט ליגן אין די ענינים, וואס אויף זיי האט מען ניט קיין פסק בדברי רבותינו נשיאינו (וואס איך האב געזען), און יעדערער קען קומען זאגן א סברא און א צווייטער קען קומען זאגן א צווייטע סברא - זאל מען ליגן אין די ענינים וועגן וועלכע עס רעדט זיך יע, וואס עס זיינען דא געגוג ענינים אין חסידות וואס אין זיי האלט מען נאך פאר דעם אל"ף און פאר דעם בי"ת, און מ'דארף ניט גיין שפרינגען אין ים, אין ענינים וואס מ'רעדט ניט וועגן זיי.



הנחה פרטית בלתי מוגה

**עד.** ויה"ר אז עס זאל זיין (ווי גערעדט פריער) "שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך", דער ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה",

און נאך פאר דערויף וועט זיין ביאת אלי' הנביא, וואס ער ווערט אנגערופן אלי' התשבי, וואס אויף אים זאגט מען "תשבי יתרץ קושיות ואבעיות";

עס זיינען אבער דא ענינים וואס אלי' וועט לאו דוקא פארענטפערן, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער טאטע זאגט אז עס זיינען פאראן כמה ספיקות אין עתיקא קדישא, און ווי עס ברענגט זיך אין ע"ח סוף חלק ראשון ובכ"מ, כמה ספיקות אין ע"ק.

וואס ווי דער ביאור זאל נאר זיין אין דעם - איז אבער דערפון פארשטאנדיק אז די ספיקות וועלן לאו דוקא פארענטפערט ווערן לע"ל דורך אלי' התשבי.

וואס דערפאר דארף מען זיך קאכן אין די ענינים וואס אין זיי איז שייך אז מ'זאל זיי פארשטיין, וויבאלד אז מ'רעדט וועגן זיי בארוכה אין חסידות.

און דער עיקר איז - אז דער לימוד זאל זיין מביא לידי מעשה בפועל אין אלע ענינים פון תורה ומצוותי', ביז אין קיום המצוות בהידור, און בעיקר אין טאן בפועל אין די מבצעים.

ובפרט טאן אין דער ענין שהזמן גרמא, דער ענין פון כולל תפארת זקנים, וואס דער נאמען איז מיוסד אויף דעם וואס עס ברענגט זיך אין הייליקער פרק (פ"ו מ"ח) - "עטרת זקנים בני בנים", און "תפארת בחורים כחם", און ער זאגט אויך ביידע לשונות פון "עטרת" און "תפארת" בנוגע צו זקנים - "עטרת תפארת שיבה",

און ווי מ'האט גערעדט אמאל בארוכה דער חילוק צווישן "עטרת" און "תפארת" - אז "תפארת" באווייזט אויף א מעלה חוץ מהאדם, אן ענין וואס איז מקיף אויף אים.

וואס דערפאר זאגט מען בנוגע צו בחורים דער לשון "תפארת", "תפארת בחורים" - ווארום בא בחורים איז דער עיקר מעלה זייערער אין זיך אליין; משא"כ בנוגע צו זקנים איז דער לשון "עטרת זקנים" - ווארום דער עיקר מעלה בא זקנים איז מחוץ מהם, אזוי ווי אן עטרת.

בנוגע צו דער כולל אבער, האט מען געגעבן דעם נאמען "**תפארת** זקנים". והטעם לזה: "עטרת" האט טאקע די מעלה אז דאס איז מחוץ להאדם, און איז מקיף עליו - אבער ס'איז ניט מוכרח אז דאס דערגרייכט צו די העכסטע דרגות, ואדרבה - עס קען זיין דער ענין פון עטרת יסוד, וואס דאס איז פארבונדן מיט סיומא דגופא; משא"כ תפארת איז אליין עולה אין פנימיות הכתר.

און דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'זאגט אז "והתפארת זו מ"ת".

**עה.** ויה"ר אז דורך טאן אין די אלע ענינים זאל נמשך ווערן בגלוי דער "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה", ביז די אלע ו' לשונות הברכה וואס מ'זאגט אין ברכת החודש, ביז צו "לישועה ולנחמה",

און דערנאך קומט מען צו (ווי מ'גייט באלד לייענען) "שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך גו'", וואס דאס וועט זיין בקרוב ממש.

און עס זאל זיין שלימות הארץ, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית השנה", אויך אין זמן הגלות.

און שלימות התורה, און שלימות העם.

אז יעדער איד און אלע אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך" - וועלן גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

*　　　*　　　*



הנחה פרטית בלתי מוגה

א. ס'איז דאך בנוגע צו חודש אלול, וואס הויבט זיך אן פון ר"ח, ניט נאר פון דעם צווייטן טאג ר"ח וואס דעמולט איז דאס אויכעט דער מספר הימים פון חודש אלול, משא"כ דער יום ראשון פון ר"ח - וואס ווערט פארעכנט אלס דער סיום וחותם פון דעם חודש שלפנ"ז, אעפ"כ ווערט דאס אויכעט אנגערופן יום ראשון פון ר"ח, פון חודש הבא, ובעניננו - פון ר"ח אלול.

און ס'האט נאך אויכעט במיוחד איז דא די הדגשה אין ר"ח אלול, וואס בכלל איז דאך פון אלול ביז יוה"כ איז דאס געווען די ארבעים יום בפעם השלישית וואס דעמולט האט משה רבינו באקומען די לוחות האחרונות, און דערנאך איז געווען "ביום חתונתו וביום שמחת לבו - זה מ"ת ובנין ביהמ"ק", וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט לוחות האחרונות.

איז די התחלה בזה - ווען איז געווען דער יום שעלה להר פון די ארבעים יום בפעם השלישית, איז דאך דא אין דערויף די צוויי דיעות, צי דאס איז געווען ביום ראשון פון ר"ח אלול, אדער דאס איז געווען ביום שני.

ווי אויכעט אראפגעבראכט די חילוקי דיעות באחרונים בזה בארוכה, אנהויבנדיק פון דעת רש"י בפירושו על התורה, ביז דערנאך ווי ס'ווערט אראפגעבראכט אין טור, ובכמה ראשונים ואחרונים.

וואס ס'איז דאך אלו ואלו דברי אלקים חיים, איז דאס נאכמער מדגיש דוקא אין די צוויי טעג פון ר"ח אלול, וואס אלול האט דאך אלעמאל צוויי טעג ר"ח, וויבאלד אז דער חודש לפנ"ז איז א חודש מלא, בן שלושים יום, כמובן אויכעט פון סדר הלוחות וואס אין אלטן רבי'נס סידור, וכמדובר כמ"פ בארוכה.

איז דאס נאכמער מדגיש די שייכות און דער ענין פון די צוויי טעג ר"ח.

וואס דא קומט צו א דבר וואס איז נאכמערער ווי אין שאר החדשים.

וואס חודש אלול בכללו איז דאך דאס א ענין - ווי ס'איז געדרוקט פון שווער נשיא דורנו - אז דאס איז דער חודש החשבון אזן אויכעט דער חשבון התשובה, ווארום דאס איז דאך ניט סתם געמאכט א חשבון, נאר דאס איז לשם תכלית, אז ס'זאל זיין א חשבון צדק, במילא וועט מען משלים זיין במשך חודש זה דאס וואס מ'דארף משלים זיין פאר כל שנה העברה אין דעם חודש בכלל, און אנהויבנדיק פון ח"י אלול בפרט, משלים זיין איןביידע אפטייטשן דערפון: פון לשון שלימות, וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט דעם אפטייטש פון תשובה, (ווי ער זאגט אין לקו"ת האזינו) שלא כדעת העולם אז ס'איז דוקא אויף א ענין וואס איז היפך המצוה - נאר תשובה איז דאס א ענין פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה", א נשמה בגוף און זי שטייט דעמולט אין א מעמד ומצב ווי "נתנה", וואס דאס איז נאך העכער פון "אתה בראתה" עאכו"כ פון "יצרתה, נפחתה", ווי ס'איז ניט סתם העכער בערך נאר אין א אופן וואס מ'זאגט א "באזונדער" זאך, נשמה שנתת בי און ערשט דערנאך הויבט זיך אן "אתה בראתה" מיט א הפסק תיבה בינתיים, און דאס איז דער ענין התשובה ושלימות - תשובה מלשון שלימות.

עאכו"כ אז ס'איז דעמולט דער הכרח פון תשובה כפשוטה, כדעת העולם, אט דארט וואו ס'איז דא א העלם והסתר במילא דארף מען דאך מצד די תוצאות פון דעם העלם והסתר אנקומען צו דעם פירוש תשובה לויט דעם עולם והעלם והסתר - תשובה כפשוטה, וואס דאס איז אויכעט פון "באצאלן" די חובות, וואס "חוב" איז דאך א לשון היפך הזכות, באצאלט ער דעם חוב.

וואס דאס האט אויכעט א שייכות מיוחדת און א הדגשה מיוחדת פון שנה השביעית שבת לה'.

וכידוע אין דעם מאמר פון אלטן רבי'ן "לך ה' הצדקה ולנו בושת הפנים", וואס ס'איז שוין אפגעדרוקט בכמה מקומות, "לנו בושת הפנים" אז "בושת" איז דאס אותיות "שבת" און אותיות "תשב", וואס שבת איז ענינה תשובה נאר תשובה עילאה.

איז בשעת ס'קומט א שנה השביעית וואס כל השנה שבת לה', ובפרט עם זה קומט נאך אין דער שנה גופא דער חודש אלול, און אין חודש אלול גופא דער ראש שלו, "ובראשי חדשיכם" ראשים ל' רבים - די שני ימי ראש החודש, איז דאך דאס דעמולט נאך א נתינת כח במיוחד די אלע ענינים זאלן זיך אפטאן ביתר שאת וביתר עוז.

זאלן זיך אפטאן ווי אלע ענינים פון א אידן בשבת וואס דעמולט טוען זיך אפ די ענינים מתוך עונג, וואס דאס איז כל עניני השבת.

ביז ווי גערעדט פריער דער לשון חז"ל "כל המענג את השבת" אז ער איז ממשיך אזויפיל עונג בכמות און באיכות אז ער איז נאך מוסיף און פארשאפט תענוג, ער איז מענג את השבת, נוסף אויף דערויף וואס שבת איז מצד עצמו מתענג.

דערנאך קומט צו נאך א שייכות מיוחדת וואס דאס איז מיט ר"ח, וואס ר"ח איז דאך במיוחד פארבונדן מיט תשובה, וואס דערפאר איז דאך ערב ר"ח, - די הכנה צו ר"ח - ווערט דאך אויכעט אנגערופן (ביז ווי דער צ"צ ברענגט דא אויכעט אראפ במאמרי חסידות שלו אז ס'ווערט אנגערופן) ערב יו"כ קטן.

ביז ווי ס'ווערט נרמז אויכעט אין נגלה און ניט בתור רמז, נאר אין אן אופן גלוי, אז ביי קרבן פון ר"ח איז פארבונדן (און ווי ער זאגט אין גמרא) "הביאו עלי כפרה", אז דאס איז כביכול א תשובה און א כפרה פאר דעם אויבערשטן אליין.

און ווער האט בכח אראפברייננגען דעם "עלי כפרה" - איז דאס דורך דעם "הביאו" - אידן ע"י עבודתם, טוען זיי אויך דעם "עלי כפרה".

וואס דער כח איז טאקע געגעבן געווארן מלמעלה, דערנאך אבער קומט נאך צו די אתערותא דלתתא שע"י אתערותא דלעילא, ווערט דאס דערנאך דער עיקר און דאס איז דער ממשיך, ובלשון הידוע, אז די פשיטות פון א אידן דא למטה פארבינדט זיך מיט די אמיתית הפשוטה למעלה, ביז אין א אופן אז דאס ווערט איין זאך.

וואס דאס איז דאך דער תכלית הענין אין תשובה, אין אופן הנעלה שלו, "הרוח תשוב אל האלקים", ביז וואנעט אז ס'ווערט איין זאך און עס טוט אויף דעם אויפטו אז דאס איז א נשמה בגוף, וואס דער גוף איז אויכעט דוקא פון "האלקים אשר נתנה", דער יש הגשמי איין זאך מיטן יש האמיתי, כמבואר אין ביאורי הזהר, און דאס ווערט אפגעטאן דא למטה אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

און מ'זאגט אויף דערויף "המעשה הוא העיקר" - דאס ווערט אויפגעטאן בעיקר ניט ע"י מחשבה, אפילו ניט ע"י דיבור אע"פ וואס דיבור איז שוין אויך א מעשה זוטא, נאר ס'ווערט אויפגעטאן דורך מעשה, און מ'זאגט אז דאס איז דער עיקר אין די אלע ענינים, וואס דאס איז ווי אין כוחות האדם עצמו שאין תחתון למטה ממנו.

ביז וואנעט אז אין כח העשי' איז דאך אויכעט דא כמה פרטים ופרטי פרטים, איז דאס פארבונדן מיטן רגל שבגוף וואס דאס איז דער חלק הכי תחתון שבגוף, און אין רגל גופא איז דאס דער עקב שברגל, וואס דאס איז בדוגמא ווי עקבתא דמשיחא, אחרית הימים ממש, עד"ז אויכעט אין פעולות האדם.

- אז אע"פ וואס ער האט לכאורה אין דעם ענין קיין חיות, וואס דאס איז דאך ווי אין גוף דער חלק העקב, וואס לכאורה ווי קען זיין אז א איד זאל ניט האבן קיין חיות אין אידישקייט עאכו"כ אין מקיים זיין א מצוה, עאכו"כ אין מקיים זיין אזא מין מצוה ווי מצות התשובה -



הנחה פרטית בלתי מוגה

איז דאך דער פירוש אין דערויף, אז אע"פ וואס ער האט א חיות נפלא בדבר, איז דער טאן זיינער דער זאך, איז דאס שלא בערך צו דער טעם האמיתי פארוואס ער טוט דאס, דאס איז מצד דערויף וואס ער איז ווי א עבד נאמן און צוזאמען דערמיט ווי אן עבד פשוט במילא שטייט ער אין א ביטול בתכלית, און א ביטול במציאות.

וואס אמת טאקע ער האט א חיות, ואדרבה: א חיות הכי נפלא, איז דער חיות אבער שלא בערך לגבי זיין איבערגעגעבנקייט אויף אויפטאן רצונו של הקב"ה דוקא במעשה ובלשון הידוע "אילו נצטווינו לחטוב עצים" וואס ביי א חכם גדול איז דאך פארשטאנדיק דער העדר החיות בכל כוחות נפשו אין אזא מין ענין ווי חטיבת עצים ביז וואנעט אז אין די סוגים בנ"א, וואס "אתם קרויים אדם", איז דאך פון די לעצטע סוגים "חוטב עציך ושואב מימיך" -

איז אעפ"כ טוט ער דאס מיט אזא מין שטורעם סיי בכמות און סיי באיכות.

וואס דאס איז שלא בערך פון דעם שטורעם ווי ס'וואלט געווען מער ניט מצד זיין חיות אע"פ וואס דאס איז א חיות נפלא.

וואס דערפאר איז אויכעט פארשטאנדיק אז אע"פ אז ס'האט זיך גערעדט וועגן חודש אלול כו"כ פעמים, ביז וואנעט אז שוין אויכעט גערעדט און גערדרוקט און איבערגעדרוקט און פאנאנדער געשיקט וכו', איז לכאורה וואס האט דאס פאר א ענין פון איבער'חזר'ן נאכאמאל און דערמאנען נאכאמאל אויף די זאכן וואס זיינען שוין געדרוקט און איבערגעדרוקט וכו' -

איז נוסף אויפן ענין, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון די הקדמה פון תניא אז יעדער ענין פון תורה און דברי התעוררות איז א חילוק צי דאס ווערט געזאגט אדער מ'לייענט דאס מתוך הכתב, אדער מתוך הדפוס.

איז דאך נוסף ע"ז, וויבאלד אז בכל שנה ושנה איז דער חודש אלול איז קיין מאל ניט געווען אזא מין חודש אלול ווי פארשטאנדיק פון אגה"ק, איז דאך מעצמו מובן אז אע"פ וואס מ'האט גערעדט אפילו מאה פעמים, דארף מען איבער'חזר'ן עכ"פ בקיצור נמרץ, און דאס זאל דערמאנען אויף אריכות הביאור וואס ס'האט זיך גערעדט בדברי רבותינו נשיאינו ביז בשיא דורנו דעם רבי'ן דער שווער.

וואס בכללות די נקודות זיינען דאך: אין די אלע דריי קוים, און נאכמערער אין די פיר ענינים, וואס זיי זיינען אלע מרומז אין דער ר"ת פון דער ווארט אלול, וואס דאס איז דאך שוין דא אין יום ראשון פון ר"ח, ווערט שוין אנגערופן (ווי געזאגט פריער) ר"ח אלול, האט מען שוין די דערמאנונג אויף די אלע ר"ת'סן, אנהויבנדיק פון "אנה לידך ושמתי לך", וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט תורה וואס דברי תורה קולטין, און "אנה לידו ושמתי לך" - גייט דאך דאס אויף ערי מקלט.

"אני לדודי ודודי לי" וואס דאס איז דאך דער ענין התפילה וואס דעמולט שטייט מען דאך "לית פולחנא כפולחנא דרחימותא", וואס דעמולט ווערט דער אויבערשטער אנגערופן בשם "דודי".

דער "איש לרעהו ומתנות לאביונים" וואס דאס איז דער ענין פון גמילות חסדים ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות בזה, וואס מ'זאגט דערפאר אויף דערויף דער לשון "מתנה", אדער נאכמער, אז דאס איז גאר "איש לרעהו" אע"פ וואס ער איז גאר דער נותן און דער צווייטער איז גאר אין א דרגא פון א אביון וואס תאב לכל דבר.

וואס דאס איז אויכעט פארבונדן מיט א הקדמה צו די אלע ג' קוין. ובלשון הידוע אז ס'דארף זיין דער כתר ש"ט - דער ענין התשובה, וואס ער איז קודם צו די ג' כתרים און דערנאך איז עולה על גביהן.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס איז אויכעט דער ר"ת אין אלול "ומל ה"א את לבבך ואת לבב (זרעך)", וואס אלול איז "את לבבך ואת לבבי".

און אט דאס ווערט די הקדמה קרובה אז ווי דער רמב"ם פסק'נט אז "הבטיחה תורה" אז בסוף גלותם איז דער מקום אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, און דארט גופא אין עקבתא דמשיחא, איז אט דעמולט דא דער נגאלין מיד, און ס'ווערט "השירה הזאת לה' ויאמרו לאמר", וואס דאס איז דאך אויכעט ר"ח אלול.

בקרוב ממש אין די שירה העשירית, ווען ס'וועט קומען משיח צדקנו בלשון הרמב"ם "מיד", ומשה ואהרן עמהם, אז "אז שר לא נאמר אלא אז ישיר", זאל זיין בקרוב ממש און מתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

ב. דאס האט דאך אויכעט (די ענינים האמורים) א שייכות ניט נאר בקשר מיט די קביעות השנה, וואס דאס איז שנה השביעית שבת לה' - נאר אויכעט בקשר מיט די קביעות בימי השבוע.

וואס ר"ח אלול, וואס התחלתו איז (כמדובר אין די התוועדות פון שבת העבר) ביום הראשון פון ר"ח, וואס דאס איז בשבוע איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, "טוב לשמים, און טוב לבריות".

וואס דאס איז בשעת (כמדובר כמ"פ) אז ניט דער פירוש איז אז ס'איז צוויי באזונדערע זמנים, איין זמן פון דעם טאג אויף טוב לשמים, און איין זמן אויף טוב לבריות, ועד"ז אויכעט אין פעולות האדם -

נאר די שלימות בדבר איז, אז אין יעדער פעולה וואס ער טוט "לשמים" איז אין דערויף אויכעט דא דער ענין "טוב לבריות", און אין יעדער פעולה וואס ער טוט אין "טוב לבריות", איז דא אין דערויף אויכעט דער ענין פון "טוב לשמים", בדוגמא אז מ'זאגט אז יעדער רגע פון דעם טאג איז דאס א רגע פון א טאג שהוכפל בו כי טוב.

וואס דעמולט איז דער תכלית הענין אין תשובה, וואס כמדובר איז דאס אז ס'ווערן מתאחד מן הקצה אל הקצה און נאכמערער, דאס וואס ס'איז העכער פון אלערליי קצוות, בלשון הרגיל פון יעדער מדידה והגבלה, ביז אז ס'איז גאר ניט שייכות זאגן גבוה גבוה דערפאר וואס דאס איז העכער פון דעם ענין פון גבהות מיט תחתון (מיט קטנות), מיט מטה יותר.

און דאס ווערט נתאחד מיט "אין תחתון למטה ממנו", ווי דערמאנט פריער פון ביאורי הזהר דער יש האמיתי מיטן יש הנברא.

וואס דער יש הנברא איז דאך ווי ער זאגט אין תו"א בתחילתו "למה נשתנה בריאת האדם פון כל הבריות פון שאר הנבראים" אז זיין יש איז באשאפן געווארן מאין ליש אין אן אופן אז ס'איז נאך אין א דרגא הכי תחתונה וואס כל שאר הברואים זיינען לכתחילה באשאפן געווארן מיט א חיות, משא"כ דער יש פון דעם אדם איז געווען "עפר מן האדמה" און ערשט דערנאך איז געווארן אין דערויף דער ענין פון "ויפח באפיו נשמת חיים".

און וואס איז דאס געווען - אויכעט ווי דער לשון פון אלטן רבי'ן חלק אלוקה ממעל ומוסיף ממש, כמדובר אז דאס איז נאך העכער פון דעם קצה הכי עליון, און נידעריקער פון דעם קצה הכי תחתון.

און פון ביידע זאכן איז ניט נאר זיי ווערן צוזאמען נאר ס'ווערט איין זאך. -



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס איז דער אמיתית ענין פון תשובה, תשובה עילאה און שלימות האמיתית וכמדובר לעיל ובכ"מ בארוכה.

וואס דאס איז מודגש און דערפון נעמט מען כח על שאר השנים ווען די קביעות איז באופן אחר, ווען ס'קומט אויס דער יום ראשון בחודש אלול אין יום שהוכפל בו כי טוב שטייט דער ענין התשובה בשלימותה אין אן אופן של הדגשה ביותר וביותר.

וואס וואו איז דאס דא אין וועלט אז מ'זאל דאס זען בעיני בשר?

איז דאך דאס די התאחדות פון דער העכערער פון קצה העליון מיטן נידעריקן פון קצה התחתון איז דאס איז געווען דער ענין פון ביהמ"ק.

אז "הן השמים ושמי השמים לא יכלכלוך", אז דאס איז העכער מכל מדידה והגבלה, אפילו פון דעם ענין ווי ס'איז מדידה והגבלה איז "השמים ושמי השמים" ברוחניות, איז דאס א ענין וואס "לא יכלכלוך" - ס'איז לגמרי ניט בגדר כלי, דערצו.

און וואו קומט דאס אראפ - דוקא אין עוה"ז התחתון, ובלשון הידוע אז נשבע הקב"ה שלא יכנס בירושלים של מעלה ביז וואנעט ער וועט אריינגיין אין ירושלים שלמטה.

וואס מ'איז דא מדגיש אז דאס איז א ענין של מטה, און אין דעם מטה האט מען גע'פועל'ט דעם ענין פון ירושלים, כמדובר בארוכה אז לפלא אז מ'איז מדגיש בנוגע צו בית הבחירה אז דאס איז געווען אט דארט וואו ס'איז געווען גורן ארונה היבוסי פון די שבעה אומות וואס ס'איז דער ציווי פון "לא תחי' כל נשמה", אין דערויף גופא איז דאס געווען דער מלך וואס דאס באווייזט אויף דער תוקף שלהם, און בפרט נאך כמדובר פון דעם פסיקתא אז מ'האט דארט געפונען "גולגלתא" די גולגולת שלו.

און אט דארט איז געווען "זה מקום המזבח לעולה ולישראל", און דאס איז געווען "במקום אשר יבחר ה'" און מ'מאכט דערפון א הדגשה אין תושב"כ, און דער רמב"ם ברייננגט דאס אראפ אין הלכות בית הבחירה אלס א ענין אין זיין ספר, וואס זיין ספר איז "הלכות הלכות".

און דאס ווערט איין זאך. און דאס ווערט אויכעט א זאך וואס איז מצרף כל ישראל יחד.

וואס מ'געפינט דאס ניט, ניט בנוגע צו ירושלים, עאכו"כ צו א"י, אפילו אין די עניני ביהמ"ק.

וואס אמת טאקע מ'זאגט אז ירושלים איז מחבר אלע אידן "עיר שחוברה לה יחדיו" - אבער דאס קען זיין אין אן אופן פון התחברות קען זיין אין כמה אופנים ס'איז ניט קיין הכרח אז ס'ווערט איין זאך, דאס ווערט אין א אופן וואס דאס איז התחברות ווי א לשון פון חברים ביז חברים אמיתיים.

ביז ווי ידוע די שיחה פון נשיא דורנו פון רבי'ן דעם שווער אז אן אמת'ער חבר איז אז בשעת ביי א צווייטן איז א ענין של שמחה דארף ער ניט גיין ביי יענעם פרעגן ווארום ער דערפילט דאס מעצמו.

וכידוע אויכעט דער סיפור פון איוב מיט חברו ההפכי אין דעם צד ההפכי ניט פאר קיין אידן געדאכט.

אעפ"כ איז דאס געווען א באזונדער גוף מיט א באזונדערע השקפה מיט באזונדערע דיעות ביז כמסופר דער וויכוח שביניהם איז דאס געווען ביז מן הקצה אל הקצה, אע"פ וואס ס'איז געווען חברים ורעים אמיתיים.



הנחה פרטית בלתי מוגה

משא"כ אבער בנוגע צו מקום המזבח, וואס ווי דערציילט אין תנ"ך און מבואר בארוכה אין דברי חז"ל האט דוד המלך צוזאמענגעקליבען מכל שבטי ישראל געלט, און האט מיט די געלט אפגעקויפט דעם ארט פון ארונה אדער פון ארנון היבוסי.

וואס דארטן איז ניט געווען מעגליך פאנאנדערטיילן וועלכע חלק איז געווען פון דער שקל, און וועלכער חלק איז געווען פון א צווייטער שקל, דאס איז אפגעקויפט געווארן דער שטח דורך די שקלים וואס מ'האט זיי דערנאך אלע צוזאמען געמישט.

וואס דאס איז דאך דער חילוק, ס'איז דא די דיעה אז ירושלים איז לא נתחלקה לשבטים, אבער עס איז דא אויכעט די דיעה אז ירושלים נתחלקה לשבטים.

ולכל הדיעות איז אפילו לא נתחלקה וכו', איז דאך אבער דארט געווען חילוקים אין די שבטים גופא, און אין ירושלים גופא אויכעט כו"כ חילוקים ווי ער רעכנט זיי אויס אין די "עשרה קדושות" אין ירושלים גופא כמה דרגות אין קדושה.

דער מקום המזבח וואס דאס איז "זה מקום המזבח לעולה ולישראל", איז דאס כאמור איז דאס געווען אפגעקויפט פון א סכום וואס איז געווען שייכות לכל אחד ואחד מישראל, און וויבאלד אז דאס איז געווען אפגעקויפט לדורי דורות "לא ישתנה מקומו לעולם" כלשון הרמב"ם אין הל' ביה"ב, איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דאס איז אפגעקויפט געווארן מיט געלט וואס די געלט האבן געגעבן טאקע די אידן וואס זיינען געווען בדורו של דוד, אבער זיי האבן דאס געגעבן אלס באי כח, און האבן דערמיט מזכה געווען לדורי דורות, וויבאלד אז דערפון איז דערנאך נמשך געווארן א קביעות המקום לדורי דורות.

וואס דאס איז דאך אויכעט פארבונדן מיטן עצם ענין מזבח:

וואס דער ענין פון מזבח איז דאך "להקריב עליו חלב ודם" ווי חסידות איז מבאר אז דארט גיט א איד אוועק זיין כח התענוג וואס אין גוף, איז דאס פארבונדן מיטן חלב שבגוף, און גיט אוועק זיין קאך זיינער, וואס אין גוף איז דאס פארבונדן מיט דם שבגוף, און אט דאס איז ער מקריב "להקריב עליו חלב ודם" מלמטה למעלה, און דערנאך ווערט דורך דערויף נמשך דער "ריח נחוח" מלמעלה למטה ביז וואנענט אז ס'ווערט איין זאך, בלשון פון המשך וככה דער תענוג נברא און דער תענוג בורא. און דאס ווערט איין זאך.

וואס י"ל אז דאס איז אפילו די מעלה פון מזבח לגבי קודש הקדשים.

לכאורה איז דאך קה"ק פארבונדן מיט אחת בשנה" ווי תוספות טייטשט דאס אפ מלשון יחידה, און מיטן כה"ג און מיט הקרבת הקטורת וכו' -

אבער דער ענין פון הקרבת חלב ודם פון דירה לו ית' בתחתונים דוקא איז דאס זעט מען אין מזבח, און אין מזבח גופא מערער אין מזבח החיצון ווי מ'זעט דאס אין מזבח הפנימי.

בדוגמא ווי מ'זאגט די מעלה אז "תורה לא בשמים היא" וואס דאס איז אויכעט כולל עולם האצילות עולם האחדות, און מ'דארף דאס האבן דוקא אין ספירת המלכות, ווי ער איז מבאר אויכעט אין אגה"ק אז דוקא אין ספי' המלכות קען זיין דער ענין פון א"ס בגלוי ע"י כח הצומח ווי ער איז מבאר בארוכה, און אויכעט מבאר אז דאס איז די מעלה פון מצוות מעשיות דוקא אפילו לגבי לימוד התורה אין דעם העכסטן אופן פון תורה.

וואס אט די מעלה האט מען מזבח לעולה וואס דאס איז דאך דער פירוש הפשוט ניט מזבח הפנימי נאר מזבח החיצון וואס דארט האט מען מקריב געווען די עולות און אפילו די מעלה לגבי קה"ק.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס איז אויכעט יש לקשר מיט דעם ענין המיוחד אין חודש אלול, ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר אז דעמולט איז דער מלך בשדה:

און מ'זאגט אז דאס איז פארבונדן מיט י"ג מדות הרחמים וואס זיינען למעלה ממדידה והגבלה, און דערנאך איז דא וואו די י"ג מידות שטייען ביוה"כ וואס דאס איז בדוגמא ווי קה"ק, גאנץ יוה"כ עאכו"כ די י"ג מידות וואס זיינען מאיר ביוה"כ כמבואר בארוכה אין אוה"ת פון צ"צ דער חילוק אז דא איז דאס תכשיטים והארות און ביוה"כ איז דאס די עצמיות פון די י"ג מידות.

אעפ"כ זאגט מען אז דער מלך זאל זיין בשדה איז דוקא אין דערויף איז ניכר די אמיתית האהבה פון דעם מלך ביז וואנעט אז זי שטייט בגלוי, משא"כ אז ער קומט בהיכל המלכות און מ'גייט דורך דורך שומרי הפתחים און דורך שרים מיט די אלע הגבלות והעלמות וואס ס'איז א ענין של העלם ווי דאס איז ווי דער מלך איז בהיכל מלכותו ביז אין קיטון שלו - אין קה"ק.

משא"כ ווען ער געפינט זיך בשדה איז אט דעמולט איז ווי א איד געפינט זיך בשדה מיט זיינע לבושי השדה, און מלאכתו אויכעט מלאכת השדה שש שנים תזרע שדך, ושש שנים תזמור כרמך, און אט דעמולט איז ער עם מקבל בסבר פנים יפות ומראה פנים שוחקות לכולם.

און דעמולט איז דא די מעגליכקייט צו געבן עם די בקשות און וויבאלד אז ער איז זיי מקבל און מראה פנים שוחקות איז דאך פארשטאנדיק אז ער איז ממלא די בקשות.

וואס דערפאר איז דאך מנהג ישראל, וואס מנהג ישראל תורה היא, אז גלייך פון ר"ח אלול בשעת מ'שרייבט א בריוו איז ער מרמז בתחלתו (כמובא דער לשון אין מהרי"ל, און דערנאך באחרונים) אז ער ווינטשט עם דעם ענין פון כוח"ט לשנה טובה ומתוקה וואס דאס איז דאך אן ענין פון אהבת ישראל, א ענין וואס מ'זאגט אז דאס איז א שנה טובה, וואס שנה איז פארבונדן מיט עוה"ז התחתון, שאין תחתון למטה ממנו, און מ'דארף באווארענען אז דאס איז א טובה ומתוקה.

און מ'באווארנט דאס דורך כתיבה, דורך א מעשה וואס - המעשה הוא העיקר.

ניט מ'זאגט וועגען דעם ענין פון אמירה, ניטא אין אחרונים אז בשעת מ'טרעפט א אידן באמירה איז בשעת מ'רעדט מיט עם גאנץ חודש אלול מוז מען מרמז זיין באמירתו, דערפאר וואס דאס איז בכלל, יש בכלל מאתיים מנה מ'טוט דאס בכתיבה.

מצד אהבת ישראל שטייט ער מיט א פארבינדונג, אויך וויבאלד אז אהבת ישראל קומט ארויס בגלוי ווען דאס איז א פארבינדונג מיט א אידן וואס איז בקצוי תבל בריחוק ממנו, איז בדיבור קען ער צו עם ניט דערגרייכן, דאס דארף זיין דורך א כתיבה, כתיבת אגרת.

איז ער שוין מרמז, און דאס ווערט א תורה אלס מנהג ישראל, כאמור לעיל, וועגן א כוח"ט לשנה טובה ומתוקה.

וואס דאס איז בדוגמא ווי געזאגט געווארן בנוגע לביהמ"ק.

און אט דא האט מען א רמז נפלא וואס איז פארבונדן מיט ר"ח אלול:

אז מ'זוכט דאך וואו ווערט דערמאנט ר"ח אלול בגלוי בתושב"כ, וואס ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא, און אויף דערויף איז געבויט תושבע"פ, ווערט דאך געבראכט אין אחרונים אז דאס ווערט דערמאנט אין תפלה אין די נבואה פון נביאים האחרונים זכרי', חגי, ומלאכי, וואס זיי זיינען די נביאים האחרונים, און נבואת זכרי'


הנחה פרטית בלתי מוגה

גלייך בתחילתו שטייט אז "בחודש הששי" וואס דאס איז דאך איין מנין החדשים חודש אלול, "באחד בחודש" וואס דאס איז ב"ח אלול, דער צווייטער טאג, אבער ר"ח אלול, איז אט דעמולט איז געקומען חגי און האט געזאגט צו אידן, און דאס איז געווארן א נבואה וואס איז פארשריבן געווארן.

וואס דא איז וואס די גמרא פסק'נט אפ אז דאס איז א הוכחה אז דאס איז א נבואה שהוצרכה לדורות, דערפאר וואס זי איז פארשריבן געווארן, אע"פ וואס לכאורה רעדט זיך דאס כשעלו מגלות בבל, און בנוגע צו ביהמ"ק השני.

און וואס האט געזאגט חגי אין נבואה צו אידן (און כמדובר אז דאס איז א נבואה שהוצרכה לדורות), מיט וואס הויבט זיך אן די נבואה "דבר ה' מילתו על פניו":

אז דער אויבערשטער פרעגט מיט תמי' גדולה: אז ווי קומט דאס אז ס'איז דא אידן וואס זאגן אז "לא עת ליבנות בית ה'"!, אז ניט איצטער איז די צייט אז דער ביהמ"ק זאל געבויט ווערן! היתכן אז ס'קען זיין אזא מין זאך!

וכמדובר, אז דאס איז א נבואה שהוצרכה לדורות, וואס ווי מ'זעט דאס, ס'איז דא אזוינע וואס מ'דארף דאס בא זיי באווארענען.

און בשעת מ'באווייזט זיי אז דאס איז באווארנט געווארן, און באווארנט געווארן אין קלארע ווערטער אז ס'וועט זיין אזא מין מציאות, טאקע א מציאות משונה ער זאגט אחכה לו בכל יום שיבא, אז מ'זאגט עם אז דאס מיינט מען דעם טאג בפשטות דארף מען גלייך קומען מיט א שטורעמדיקע נבואה: היתכן אז ס'איז דא א איד אדער אידן וואס זאגן אז "לא עת ליבנות בית ה' עתה"!

און זאגט גלייך אז ניט אז מ'פרעגט דאס די תמי' און במילא האט יעדערער ניט מקבל, און סוכ"ס ווייבאלד אז דאס איז א נבואת ה' איז ער דאך דאס מקבל, און דערמיט איז ער יוצא - זאגט ער גלייך אין דער נבואה, אז דאס זאל גלייך ברייגגען צו מעשים בפועל "לכו אל ההר וקחו עצי זית", און מ'זאל בויען דעם בית! אז ניט ער מיינט זאגן א נבואה אז זאגן א מוסר און דער מוסר זאל נתקבל ווערן און דערנאך גייט ער אוועק תחת גפנו ותחת תאנתו, אין ענינים הכי נעלים -

פארבינדט מען דאס גלייך מיט מעשה בפועל: אז ער זאל נעמען זיינע פיס און די פיס זאל ער אוועקטראגן אינגאנצן אל ההר, העכער פון זיין מדריגה און מעלה לגמרי, ווארום אפילו אין גשמיות העולם איז דאס א הר.

און ניט נאר אז ער גייט אהינצו ארויף און דארט איז עם געשמאק צו גיין אין הויכן ארט בגשמיות וואס דאס איז א הויכער ארט ברוחניות

- נאר מ'זאל נעמען עצי זית, טאן א מעשה בפועל! און דערמיט זאל מען אראפגיין פון דער הר און אנהויבן בויען דעם בית.

וואס דאס איז א קלארע נבואה וואס איז געזאגט געווארן אין יום ראשון פון חודש אלול און מ'האט דאס געהייסן פארשרייבן דערפאר וואס דאס איז נבואה וואס הוצרכה לדורות, און מ'האט גלייך פארשטאנען אז ס'וועט זיין אויף דערויף שאלות און הסברות, היתכן, און אין סומכין על הנס וכו' -

איז ער גלייך ממשיך אז חגי איז געקומען נאכאמאל במלאכות ה', מיט די שליחות פון דעם אויבערשטן און האט געזאגט און איבערגעגעבן אז דער אויבערשטער זאגט "אתכם אני בית ישראל"!

וואס דעמולט פארשטייט אפילו א קטן שבקטנים און אפילו א פחות שבפחותים, אז דער אויבערשטער זאגט עם אז "אתכם אני", און ער גייט מיט זיי "אל ההר", און -



הנחה פרטית בלתי מוגה

ער נעמט מיט זיי צוזאמען די עצי זית, און ער הויבט אן בויען מיט זיי "את הבית", איז א זיכערע זאך אז אין דערויף איז ניט שייכות קיינע מניעות ועיכובים.

ס'איז מערניט אז וויבאלד אז משיח איז נאך ניט געקומען בגלוי, איז אט דעמולט טאר מען ניט בויען דעם ביהמ"ק דערפאר וואס מ'ווייס ניט מקומו, און מ'דארף האבן משיח צדקנו וואס ער איז יבנה ביהמ"ק במקומו, אבער די ענינים וואס קומען פאר דערויף דער "עלה אל ההר", און נעמען דארטן "עצי זית", און צוגרייטן זיי, און צובריינגען זיי, און האלטן זיי מן המוכן, און דער עיקר - ארויס פון דעם גלות הפנימי! ווארום ער איז "עלה אל ההר", ניט ארויס אל ההר און שרייט אז זייענדיק אויפן הר איז ער אין גלות, זאגט מען ניין! ער גייט אל ההר דערפאר וואס ער גייט בשליחות פון דעם אויבערשטן אויף נעמען דארטן עצי זית און בויען ביהמ"ק.

נאר דער אויבערשטער האט עס אנגעזאגט אז ח"ו בויען בפשטות, דאס וועט טאן משיח צדקנו, יבנה ביהמ"ק במקומו, און פאר דערויף וועט ער נאך אויפטאן ויכוף את כל ישראל ללכת בדרכה, זען אז יעדער איד וועט ער זיך אליין מיט עס אפגעבן אז ער זאל מקיים זיין דרך ה' ע"י קיום פון מצוות מעשיות.

און בשעת מ'ווייס אז דאס איז פארבונדן מיט מניעות ועיכובים, איז "ילחום מלחמת ה'", און מ'שרעקט זיך ניט דערפאר, און אל יבוש מפני המלעיגים, און ס'איז א זיכערע זאך אז "ינצח", ווארום דאס איז מלחמת ה' ווי ער זאגט אין נבואת זכרי' "אתכם אני בית ישראל"!

וואס אט דאס איז דא אין יעדער זמן איז דא דער אופן העלי' מתאים צו דעם זמן, כולל בנוגע ווי א דוגמא בדבר, אז איידער דער תלמיד ותיק האט מחדש געווען דעם ענין קען מען פון עם ניט פארלייגנען אז ענינו בתורה דער לימוד אין דעם ענין דאס איז קודם וואס דער תלמיד ותיק האט דאס מחדש געווען, דארף ער לערנען די חלקים בתורה ביז דעמולט.

בשעת אבער דער תלמיד ותיק האט מגלה געווען, מחדש געווען, און דאס איז דאך ווי ער פסק'נט אפ אין גמרא "ניתן למשה מסיני", איז אט דעמולט איז זיין עסק אין דער דבר חדש וואס פארוואס איז דאס נתגלה געווארן און נתחדש געווארן אין זמן מסויים, דערפאר וואס דאס איז דער ענין וואס דער זמן דארף דאס האבן.

און פאר דערויף האט דאס דער זמן ניט געדארפט האבן, בדוגמא ווי מ'זאגט אז שלמה המלך האט מתקן געווען עירובין און נט"י, דערפאר וואס דעמולט איז געווען "יניח ה"א לכם", וואס ס'איז געווען אין א אופן של התיישבות איז געווען דער ענין פון עירובין און נט"י כמבואר אין מפרשי הש"ס.

וואס עד"ז זאגט דאך אויכעט דער אריז"ל אז דוקא בימיו הויבט זיך אן דער זמן פון "מצוה לגלות זאת החכמה", ועד"ז ביז זמננו זה עקבתא דמשיחא, וואס איז דער ענין הפצת המעיינות ביז ס'זאל אנקומען אויכעט אין "חוצה".

וכידוע די דוגמא מיטן משל פון כתר המלך, וואס דערפאר איז פאר דערויף איז ניט געווען דער ענין פון דער ציור דוקא מערניט ווי לגלות זאת החכמה, און פאר דעם זמן פון מצוה לגלות זאת החכמה איז דאס געווען פארקערט מ'האט דאס געלערנט מערניט ווי יחידי סגולה און מיט יחידי סגולה.

וואס עד"ז איז אויכעט בנוגע צו דקדוקי סופרים, ווארום זיי זיינען דאך אויכעט פארשריבן אין עשה"ד ווי ער זאגט אין ירושלמי אין שקלים.

וואס דקדוקי סופרים קומען צו מידי זמן מידי תקופה ותקופה ביז מידי שנה בשנה, ווערט דאך אויף דערויף אויכעט די שאלה: פארוואס אין די פריערדיקע דורות איז דאס ניט געווען בגלוי, און דוקא איצטער איז דאס נתגלה געווארן -

זאגט מען דאך אויף דערויף "את הכל עשה יפה בעתו", אז וויבאלד אז ס'איז צוגעקומען אין חושך העולם מוז מען אנקומען צו תוספת אור, און גדול לימוד שמביא לידי מעשה - אין נר מצוה, כדי איבערקומען אויכעט אט דעם חושך און דער חושך איז צוגעקומען ניט ח"ו צוליב דעם חושך, נאר כדי מ'זאל צוקומען צו יתרון האור מתוך החושך, נאך א גרעסערער יתרון ווי ס'איז געווען נאך אין פריערדיקע דורות.

און אויף דערויף קומט צו דער זירוז מיוחד כמדובר, אז ס'קומט בחודש השׁשי באׄ לחודש, עפנט מען אויף א נבואה שהוצרכה לדורות, און מ'זעט אז וואס איז דער טאג מגלה און מעורר און מעודד און גיט כח במיוחד אז ס'זאל זיין עלו אל ההר- בטל ווערן און מבטל זיין אלע דברים בטלים ומבוטלים לגמרי די שאלה אדער די תמי' איז צי דאס איז דער עת לבנות בית ה' עתה.

און דא זאל אראפקומען דער ביטול התמי' דורך מעשה בפועל, דורך דערויף וואס ער גייט ארויף העכער ממעמדו ומצבו, און דאס דריקט זיך בייַ עם אויס אין א מעשה בפועל "קחו עצי זית".

און דאס גרייט ער זיך (אזוי שטייט אין דער נבואה) צו בנין בית ה' ווי ער זאגט דארט אין דער נבואה אז דער בית איז חרב און ע"פ הלכה איז ער חרב און כמדובר לעיל אז מ'טאר עם ניט בויען און ס'וועט זיין יבנה ביהמ"ק במקומו וועט דאס זיין דורך משיח צדקנו און נאך דער הקדמה פון "ילחום מלחמת ה' וינצח", זאגט ער אין דער נבואה גופא, אז "בית ה' חרב" און מ'דארף ווארטן אויף משיח צדקנו אז ער וועט דאס בויען, אבער די אלע הכנות לזה, מעשינו ועבודתינו בזמן הגלות און הכנות אז ניט נאר ער שושקעט זיך אליין, אדער ער שושקעט אריין א צווייטן און שעמט זיך דאס זאגן בגלוי, עאכו"כ דאס זאל ארויס בגילוי ובפרסום, האט דאס חגי הנביא מפרסם געווען אלס א נביא פון דעם אויבערשטן!.

און דערנאך קומט די גמרא און פסק'נט אפ אז דאס איז נבואה שהוצרכה לדורות.

און דערנאך קומט נאך צו אז אע"פ אז דאס איז א חלק אין תורה און התורה היא נצחית, איז דאך דאס במשך כל השנה כולה, עאכו"כ אז ס'קומט דער יום המיוחד בשנה דער "בחודש השישי באׄ לחודש" איז אט דעמולט שטייט דאס מער בגלוי אויכעט אין אותיות הכתב והדפוס, און כמדובר אין א אופן וואס "הוצרכה לדורות", איז דאך א זיכערע זאך ווי מ'זאגט אין נבואת ישעי' אז בשעת ס'איז דא דבר ה' איז לא ישוב ריקם כי אם עשה את אשר חפצתי, ביז אז דאס וועט אראפקומען "הולידה והצמיחה", אז ס'קומט ארויס פירות און פירות עושי פירות.

מ'דארף נאר האפן אז ער זאל זיך שטעלן, אויף גייו אויפן הר און ער זאל טאן במעשה בפועל.

וכמדובר, וואס ידע איניש בנפשי' און א ניט זאל ער פרעגן בא דעם רב מרא דאתרי' וועט ער עם זאגן וואס איז די מצוה שהזמ"ג, וואס פארא ענין דארף איצטער זיין במקומו ביום פלוני דער ענין פון בקעה מצא וגדר בה גדר, עאכו"כ אז ניט נאר אז ס'איז א ענין של גדר נאר א ענין של פועל און מצוה ברורה.

מיט די אלע פרטים שאין כאן המקום להאריך בזה לרוב פשיטות הדברים.

וואס דאס איז אויכעט די הוראה בנוגע לפועל:

אז מ'זאל זיך ניט שעמען, היתכן, אז מ'געפינט זיך אין דעם הו-הא פון דער וועלט, און ס'איז דא א חושך כפול ומכופל פון דעם גלות, און דא מיט אמאל קלייבט מען זיך צוזאמען ווי נשיא דורנו האט מכריז געווען פון לאלתר לגאולה צוזאמען מיט לאלתר לתשובה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דערנאך הויבט זיך אן די קשיא הידועה, ער האט דאס מכריז געווען מיט קארגע פערציק יאר צוריק (עטלעכע און דרייסיק יאר צוריק) ועדיין לא בא!!!

איז כמדובר כמ"פ די זעלבע שאלה איז דאך דא אויפן קץ פון גדולי ישראל, אנהויבנדיק פון אגרת הארוכה פון דעם רמב"ם, און דערנאך איז נאך דא פאר דערויף פון פאר עם, און נאך עם, רש"י, ס'איז שוין דא די ספרים וואס מ'האט צוזאמענגעקליבן אלע קיצים, און ווי די גמרא זאגט אליין אז כלו כל הקיצים, זאגט די גמרא אז ס'איז דא קיצים לשון רבים.

וואס דעמולט איז געווען א זמן מוכשר, דערנאך האט זיך אריינגעמישט דער "קלוגינקער", און במילא איז צוגעקומען נאך א הוספה אין גלות, אבער ווי דער לשון האמור אז כלו כל הקיצין, איז מה-דאך אז דאס איז געווען דעמולט איז עאכו"כ איצטער.

בפרט נאך אז ס'קומט ר"ח אלול, בא' בחודש הששי, כמדובר לעיל דער רמז נפלא, אז דאס איז גאר ניט קיין רמז און שטייט בגלוי אין נבואת זכרי'.

ויה"ר אז מ'זאל אנהויבן פון דער החלטה גמורה אז דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט (כאמור לעיל) אין סיום וחותם הנבואה אז "אתכם אני", זאגט דער אויבערשטער צו יעדן אידן, און אלע אידן, במילא קען מען אלץ אויפטאן אויב מ'איז נאר מחליט בתוקף המתאים.

און טאן דאס (ווי געזאגט פריער) כל הענינים פון שבת, וואס דאס איז א שנה וואס דאס איז שבת לה', מתוך עונג וואס דאס איז כולל אין זיך אויכעט שמחה, במילא איז דאס פורץ כל הגדרים, און דאס איז נאכמער מוסיף אין דער הצלחה, סיי אין כמות און סיי אין איכות, סיי אין דעם אחישנה, אין דעם אחישנה גופא.

ובפשטות: אז יעדער איד זאל בויען זיין ביהמ"ק הפנימי, וואס דאס וועט מוסיף זיין אין דעם זירוז און דעם בויען דעם ביהמ"ק הכללי והמשותף לכל ישראל דורך דער נשמה כללית ומשותפת לכל ישראל ע"י משיח צדקנו.

און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב, ויפה רגע א' קודם, ובפרט אז דער מלך בשדה און דא האט מען די מעגליכקייט גיין גלייך מיטן מלך, ניט ווארטנדיק וואכן אפילו ניט קיין טעג (ל' רבים) גיין גלייך אין דעם ביהמ"ק, מקדש אדנ-י כוננו ידיך, ובל' הרמב"ם נגאלין מיד.

* * *

ג. מאמר (כעין שיחה) ד"ה אני לדודי ודודי לי.

* * *

ד. אויף אני לדודי ודודי לי איז ער דאך מסיים אין פסוק "הרועה בשושנים", און טייטשט אויף דערויף אפ "שושנים" - ששונים בתורה, דער ענין פון לימוד התורה, וואס דאס איז דאך אויכעט פארבונדן מיט י"ג מדה"ר איז דאך כנגדם בתורה די י"ג מידות שהתורה נדרשת בהם, כידוע אויך די תורה פון דעם מגיד אז ק"ו בתורה איז "א-ל נא רפא נא לה", וואס א-ל איז דאס די ערשטע פון י"ג מדה"ר, כמבואר לעיל די שיטה, און אויכעט די ערשטע פון י"ג מידות שהתורה נדרשת בהם - ק"ו.

וואס דערפון איז אויכעט פארשטאנדיק אז נוסף אויף דעם פירוש "הרועה בשושנים - י"ג מדה"ר", וואס ביי א אדם ענינו איז דאך עבודת התפלה, ווי פשוטם של דברים, ווי רש"י ברייננגט אויכעט אראפ בפירושו עה"ת פון ויעבור ה' על פניו ויקרא, אז דער אויבערשטער האט באוויזן משה רבינו ווי א שליח ציבור האט געזאגט אז אזוי

זאלן אידן טאן און דאס זאל זיין י"ג מדה"ר שאינן חוזרות ריקם.

איז אויכעט דער פירוש פון שושנים וואס א שושנה האט תליסר עלין ווי ער זאגט אין די הקדמה פון זהר.

עד"ז איז אויכעט דער פירוש ששונים בתורה, ביז ווי דער ענין איז אין המעשה הוא העיקר, אין דעם ענין פון לימוד התורה בפשטות.

וואס בשעת ס'איז פארבונדן מיט י"ג מדה"ר איז דאך דאס פארבונדן מיט דעם ענין של זקנה תיקוני דיקנא, וואס זיינען אויכעט י"ג תיקונים, איז כאן אויכעט המקום לעורר עוה"פ און לעודד עוה"פ און נאכאמאל מדגיש זיין דעם גודל הענין פון דעם ענין פון "תפארת זקנים".

וכמדובר בארוכה אין די התוועדות שלפנ"ז, אזוי ווי איצטער איז דאך אז מ'הערט דאס בבת אחת בכמה מקומות, וכמדובר בארוכה אז דאס איז פון די ענינים וואס מ'איז זיך אויכעט מתקשר אע"פ וואס באמצע איז דא א התערבות פון פארשידענע מאשינעס -וכו', ניט דירעקט פון דעם פה המדבר צו דעם אוזן השומע, משא"כ בנוגע צו קריאת מגילה וואס דארטן דארף מען האבן "לשמוע" מקרא מגילה ועד"ז בנוגע לשמוע קול שופר אויכעט אין אלול וואס אין דערויף קען מען זיך נאך דינגען וויבאלד אז דא איז די כוונה פון "היתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו", מאכט עס שוין ניט אויס אז דאס איז ע"י הממוצע אע"פ וואס דער ממוצע איז ניט קיין בן אדם.

משא"כ בנוגע צו קול שופר של חיוב איז אט דעמולט קען ניט זיין במכ"ש וק"ו אפילו ווען דאס איז גלייך כוחו "התוקע לתוך הדות או לתוך הבור" איז אויך ניט יוצא, וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו מקרא מגילה וכיו"ב.

משא"כ בנוגע וואס ס'איז נוגע אז ס'זאל אראפקומען במעשה בפועל, און איבערגעבן די תוכן הענינים ארויסגענומען פון הלכות רז"ל און דברי חז"ל:

אז דער ענין פון גודל הענין בנוגע צו זקנים זאלן מרבה זיין אין לימוד התורה, וויבאלד אז זיי זיינען בדוגמא פון שבת, זיינען ווייניקער אדער אינגאנצן "רעטיירערד" פון שש שנים תזרע שדך ושש שנים תזמור כרמך, איז אט דעמולט כמדובר בנוגע צו שביעית עד"ז בן ששים לשבעים וואס דאס איז די שביעית אין שנות האדם כמבואר אין ספרי מוסר, איז אט דעמולט דארף מען ממלא זיין דעם זמן הפנוי דורך די הוספה אין שיעורים בתורה נוסף אויף זיינע שיעורים הרגילים וואס ער האט געהאט ווען ער איז געווען בן שלשים לכח, און בן ארבעים לבינה וכו'.

מיט די הוספה וואס ער זאגט אין תקו"ז אז פון חמישים הויבט זיך שוין אן דער ענין פון זיקנה.

אפילו לדברי המשנה - איז דאס דאך אויכעט - בן ששים.

דערנאך הויבט זיך אן פון בן ששים דער זיבעטער צענטל וואס דאס איז בדוגמא פון שנה השביעית, צווישן זיקנה און שיבה, אפילו לגירסת המשנה וואס אזוי ברייגנט אויכעט דער אלטער רבי בסידורו.

וואס בנוגע לענינינו, וויבאלד אז "שושנים - ששונים בתורה", י"ג מידות, און "שושנים - י"ג תליסר עלין", וואס דאס איז י"ג מדה"ר, עבודת התפלה, איז דאך דאס פארבונדן מיט נדמה להם כזקן ווי ס'איז געווען ביי נתינת התורה בהר סיני, און עד"ז אויכעט בנוגע צו א ש"ץ וואס דאס איז פארבונדן מיט י"ג מדה"ר, איז דאך אויכעט א מעלה דארט א ענין פון זקן.

בפרט נאך אויכעט ווי מ'זאגט בנוגע צו סנהדרין וואס זיי זיינען דאך געווען -

הנחה פרטית בלתי מוגה

דער מקור התורה און מחדשים בתורה, דארף אויכעט זיין דער ענין פון זקנים בסנהדרין, וואס דאס איז פון די תנאים וואס ס'דארף זיין ביי אנשי סנהדרין.

וואס דאס איז אויכעט דער ביאור וואס דער רמב"ם איז מוסיף אז דאס וואס די גמרא זאגט בפשטות אז "אין מושיבין זקן בסנהדרין", און זאגט סתם זקן, ברייננגט אראפ דער רמב"ם בספרו "אין מושיבין זקן מופלג בסנהדרין".

וואס דער מקור אויף דערויף איז דאך כמבואר באחרונים, ווארום מ'קען ניט זאגן זקן סתם, פארקערט - דאס איז א תנאי אז מ'זאל זיין מושיבין בסנהדרין דארף ער זיין א זקן ווי שוין געבראכט אין חומש בנוגע צו משה רבינו.

וואס זקנים איז אישתכחין, נבונים לא אישתכחו, לא אשכח.

וואס דערפאר אויכעט דארף מען האבן א השתדלות מיוחדה בנוגע צו מ'זאל האבן א קיום איז דאך דעמולט אז מ'לערנט בחברותא, בדיבוק חברים, ניט מעורר זיין א זקן אדער א צעיר, אדער א בחור, ער זאל מוסיף זיין בשיעורי תורה שלו, וואס דאס איז אויכעט א דבר גדול.

מ'דארף דאך אבער באווארענען ס'זאל זיין מיט א קיום, און מיט א חיות, וואס דערצו איז די עצה דיבוק חברים, און די עצה אויכעט אז ס'זאל זיין וואס מערער וואס "ברוב עם הדרת מלך", בפרט אז ס'איז דא א מנין אדער נאכמערער, די מעלה וואס עשרה שיושבים ועוסקים בתורה.

וואס דערפאר האט מען אויכעט מציע געווען אז אע"פ אז דער לשון הכתוב איז "עטרת זקנים", זאל מען דא א נאמען געבן תפארת זקנים, וויבאלד אז די גמרא זאגט אין סוף פון מסכת ברכות, אז תפארת זה מ"ת, און דא וויל מען דאך א קיבוץ און א התעסקות מ'זאל לערנען צוזאמען תורה.

א נאמען געבן מיט א לשון וואס דער עולם איז שוין מורגל בזה וואס דאס איז דער נאמען כולל.

און דאס וועט מדגיש זיין אז ניט ח"ו זיי זאלן זיך דערשרעקן אז מ'האלט זיי שוין אין א ענין של זקנה וזקנה, ניט למעליותא פארבונדן מיט חולשא דגופא - איז דאס דער .זעלבער נאמען פונקט ווי מ'מאכט א "כולל" פאר יונגעלייט, גלייך באכדעם ווי מ'האט חתונה געהאט, וואס דעמולט איז ער דאך א בחור מיט כוחו במתניו, עד"ז ווערט דאס אויכעט אנגערופן בשם כולל תפארת זקנים, וכמדובר בארוכה לעיל.

און וויבאלד אז די התחלה בזה איז געווען עשרים באב, פארבונדן מיטן זכות פון דעם און דעם ונשמתו, וואס זי געפינט זיך אין עולם האמת וואס זי האט זיך מוסר נפש געווען אויף הפצת ולימוד התורה סיי בא זקנים, און סיי בא בחורים, און סיי ביי קטנים, איז כל הרוצה ותבא עליו ברכה, און אומר דבר בשם אומרו אויכעט מביא גאולה לעולם - מוסיף זיין די צווייי ווערטער "לוי יצחק", אבער כמדובר אז די אלע ענינים זיינען ניט לעיכובא, דער איינציקסטער ענין וואס איז לעיכובא, - אז מ'זאל זיך משתדל זיין ככל האפשרי אז וואו נאר ס'איז דא איינער וואס ער איז מאיזה סיבה שתהי' ממעט אין זיינע עסקים אע"פ וואס ער איז פון חלק זבולון, צי דאס איז מצד שנים, אדער מצד א סיבה אחרת, זאל מען מצרף זיין צו אט דעם כולל, כדי דאס זאל האבן א קיום, און א חיות, זאל דאס זיין שעות קבועות, ניט יעדערער וועט איינפאלן ביום בשעה זו און מארגן בשעה שני', לדוגמא ווי די גמרא זאגט אז כל הקובע מקום לתפלתו איז אלקי אברהם בעזרו, און ס'ווערט אויכעט גלייך געבראכט די צווייטע גירסא כל הקובע מקום לתורתו.

אז א ענין פון תורה, איז בשעת מ'איז קובע מקום גשמי, אדער מ'איז קובע מקום אין זמן, זמן מיוחד, איז אט דעמולט ווערט דאס אין א אופן של קביעות.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און אט דא קומט צו נאך א ענין הכי גדול, און א ענין וואס איז פארבונדן מיט אהבת ישראל:

ובהקדים: בדוגמא ווי מ'האט גערעדט עד"ז וועגן ברכת הבנים.

דער ענין פון אריכות ימים ושנים טובות, איז דאס איינע פון די גרעסטע ברכות וואס ווערן אראפגעבראכט אין תושב"כ און תושבע"פ און ספרי מוסר, און נאכמער באריכות אין קבלה און אין חסידות.

בדוגמא וברך פרי בטנך - אדער פרו ורבו, ביז אין א אופן פון מלאו את הארץ וכבשוה.

מצד דעם צוק העתים, און מצד די סיבות שונות ומשונות, ביז וואנעט אז אומרים לחושך אור, ולמר זאגט מען מתוק - האט מען געמאכט א פארקערטע געפיל בא כמה זקנים:

אז בשעת מאיזה סיבה שתהי' איז ער געווארן א זקן בשנים, אדער מאיזה סיבה שתהי' איז ער געווארן א זקן לעסקיו, ובל' המדינה אז ער איז "רעטייערד", אדער "העף רעטייערד" אביסעלע רעטייערד, ממעט געווען, איז מען עם מעורר א געפיל אז ער איז געווארן א שוואכער, און ער טויג אויף גארניט, און ער איז אן אלטער מענטש און אן אלטער איד און ער איז א טירחא און א לאסט על כל העומדים מסביבו, און מ'שיקט עם אוועק אין א "נוירסינג האום", אדער אין א מושב זקנים, מ'טוט עם א טובה אז מ'קומט עם באזוכן איין מאל בכמה ימים, און מ'גיט עם צו פילן אז ער זאל פארשטיין אדער די מוטער זאל פארשטיין אז ער האט זיך מוסר נפש געווען און ניט געגאנגען שפילן "גאלף", אדער גיין שפאצירן אדער שווימען אין ים, אדער אויפן ביטש, און האט זיך מוסר נפש געווען און לויפט ארייין אויף א האלבע שעה און זאגט "העלא", און ווי אזוי פילט זיך, און דערנאך האט ער ניט קיין צייט ווארטן אויפן ענטפער און לויפט שוין.

און טוט א טובה, און איז מדגיש אז ער טוט א טובה אז ער צאלט פאר עם אין די נוירסינג האום הון תועפות!

ביז וואנעט אז ס'איז ר"ל געווארן א מנהג המדינה, און דערנאך ווערט דאס נתפשט אויכעט אין אנדערע מדינות, אז בשעת מ'הויבט זיך אן דערנעענטערן צו בן חמישים (וואס ווי ער זאגט אין תקו"ז איז דאס זקנה, און ווי ער זאגט אין דער משנה איז דאס א ענין פארבונדן מיט חכמה).

דערנאך עאכו"כ ווען ער ווערט א בן ששים הויבט מען עם אן מרמז זיין אויב ער האט א שטעלע הויבט מען אן אויף עם קוקן קרום אז בעסער וואלט געווען ווען ס'וואלט געזעסן א יונגער וואלט ער מערער אויפגעטאן, און אלס א יונגער וואלט ער יוצא געווען מיט ווייניקער געלט.

מיט עם האט מען קיין ברירה ניט מ'מוז זיך מיט עם האלטן, אשר לכן גיט מען צו פארשטיין אז זאל ער בעסער "רעטייערן" מתוך כבוד, און ניט גורם זיין אז מ'זאל דארפן עפעס טאן בעל כרחו! וכיו"ב, וואס אין כאן המקום להאריך אין די ענינים וואס מ'פארבינדט דאס מיט אזוי גערופענע "קולטשער" (קולטור), און אזוי גערופענע - אזוי ווי מ'פראגרעסירט - האט אויך פראגרעסירט די טעכניקע נאר אויך פראגרעסירט די הנהגת העולם, במילא קען מען יוצא זיין מיט ווייניקער ארבעטן, במילא אז ער איז געווארן אלט פופציק יאר (ווי ער זאגט אין תקו"ז), דארף ער לאזן דעם ארט פאר א יונגן, און ער דארף וויסן זיין אז ער איז שוין רעטייערד פון דעם עסק, דערפאר וואס ר"ל ער איז שוין האלב רעטייערד פון חיים, פונקט דער היפך וואס תורת אמת זאגט!

וואס תורת אמת זאגט אז "רוב שנים יודיעו חכמה", וכאמור לעיל אז "אורך

ימים ושנים טובות" איז דאס איינע פון די גרעסטע ברכות.

און ער דארף ברענגען אין משנה א ראי' וועגן גודל המצוה אז סיי קלה און סיי חמורה "קלה כבחמורה", איז פון וואס ברענגט מען די ראי' - אז מ'גיט אויף דערויף דער ברכה פון אורך ימים ושנים טובות.

דערנאך קומט מען צוגיין און מ'זאגט א שכל הפשוט, אז וויבאלד אז תורת אמת זאגט און האט דאס געזאגט מיט טויזנטער יארן צוריק אז מפני שיבה תקום, אפילו אן ע"ה, מפני כמה הרפתקאות דעבר עלי'; אזוי ווי ער האט געלעבט אזוי פיל יארן, און האט דערלעבט אזויפיל יארן און איז דורכגעגאנגען די כמה הרפתקאות, האט ער אזא מין נסיון, דורכגעגאנגען כו"כ ענינים וואס אינגערע פון עם וויסן גאר ניט ווי אזוי מ'דארף דערמיט האנדלען, און ווי אזוי מ'דארף דאס טאן, און ווי אזוי מ'קען דאס פארריכטן, און נאכמער: ווי אזוי מ'קען דאס אויסנוצן (א דבר בלתי רצוי), אז דערפון זאל גאר ארויס א תועלת כפולה, האט מען א פארטיקן מדריך און פארטיקן מלמד, אפילו אין עניני רשות, וואס קענען דערציילן פון אייגענע נסיון וואס ער איז אליין דורכגעגאנגען א מצב דומה, און האט זיך געפירט באופן כך וכך, האט ניט געטויגט, און באופן שני האט ער מצליח געווען, און וועט עם פארשפארן מאכן פארשידענע ערליי טעות'ן וואס מ'ווייס ניט וואס דער טעות וועט עם אפקאסטן.

איז מען מותר אויף די גאנצע ידיעה וואס האט זיך צוזאמענגעקליבן וואס מ'קען דאס ניט מאכן בקיצור זמן, דאס מוז מען האבן אויף דערויף א זמן מסויים און דאס איז צוזאמענגעקליבן דוקא ביי די עלטערע וואס זיי זיינען מערער דורכגעגאנגען און מערער דורכגעמאכט, און אויסגעפרואווט פארשידענע וועגן און וויסן ווי אזוי מ'קען פארשפארן טעות'ן, און מחלוקת, און ווי אזוי מ'קען גלייך בדרך הישר צו הצלחה און ברכה וישועה.

- און מ'שיקט זיי אוועק (כמדובר) אין מושב זקנים, מ'ווארפט זיי ארויס פון אלע ענינים וואס זיי קענען אנפירן, אדער זאגן אן עצה, און זאגן אז מ'קען זיך פארלאזן אויף זיין עצה קודם החקירה ודרישה, ווארום ער האט דאס שוין אליין דורכגעמאכט אויף זיך אליין.

און מ'שפארט ארייין א יונגן וואס ווייס ניט מיט וואס מ'דארף אנהויבן דער אל"ף שבדבר, און דער ב' שבדבר, דערפאר וואס ער האט שטארקערע עלענבויגנס, און קען זיך ארייינשפארן, אדער דערפאר וואס ער האט פארבינדונגען, אבער דער עיקר - מפני עצת היצר, אז וואס דארף מען קוקן אויף די ענינים של איכות, וואס איכות איז נתרבה משנה לשנה כמדובר לעיל, אז רוב שנים יודיעו חכמה, און דאס איז לאו דוקא בנוגע צו חכמת האמת, חכמת תורת חיים איז דאך זיכער אזוי, פון איר איז אבער אזוי נשפע געווארן אויכעט אין סדר העולם, וואס "אסתכל באורייתא וברא עלמא", אז בשעת ס'איז דא כמה הרפתקאות דעבר עלי', איז אט דעמולט איז נהנין ממנו עצה ותושי', בן ששים לעצה, וואס דאס קען מען ניט טאן ביי א יונגן.

וואס דאס איז אויכעט קומט דער ענין פון אהבת ישראל בקשר מיט דעם ענין פון תפארת זקנים:

אז מ'איז זיי מסביר לכל לראש אז אע"פ אז מ'וויל עם איינרעדן אז ער האט חולשא דגופא, איז קען גאר זיין אז די גאנצע זאך איז אן אויסגעטראכטע.

אזוי ווי דער זון אדער דער פלימעניק האט עם געוואלט ארויסשטופן און פארנעמען זיין ארט, האט ער מסביר געווען צו פלוני בן פלוני אז ער האט שוין ניט דעם מרץ וואס מ'דארף האבן, ווארום ער איז שוין אפגעשוואכט, משא"כ אז ער וועט אוועקזעצן א יונגן וואס (כאמור) ער ווייס ניט ווי מ'דארף אנהויבן די זאך, ער קען זיך אבער שלאגן און קען שרייען, און קען ארויסווארפן דורכן פענסטער, אויב ניט דורכן טיר - איז אט דעמולט דוקא וועט ער מצליח זיין אין א ענין וואס מ'דארף עס בויען



הנחה פרטית בלתי מוגה

דוקא ע"פ שכל וחכמה, וואס שכל וחכמה איז פארבונדן מיט נסיון, "אין חכם כבעל הנסיון".

וואס בשעת ס'איז דא כמה הרפתקאות איז דאס איננו דומה ווי בשעת ער איז אלט אכצן יאר, אדער צוואנציק יאר אע"פ וואס בן עשרים לרדוף, און בן שלושים לכח.

וועט ער דאך פרעגן:

אעפ"כ מ'האט עם פארט ארויסגעשטופט, צי בריאות הגוף, אדער דער חולי פון דער סביבה אין וועלכע ער לעבט, מצד שני ענינים הפכיים.

אדער בריאות הגוף וואס ס'איז געווארן חולשא דגופא, אדער דער חולי און דער חולשא פון דער סביבה שמסביבו אז תמורת זאת אז מ'זאל אפשאצן דעם נסיון מיט די הרפתקאות וואס די זקנים האבן, איז מען משלם א היפך פון טובה תחת טובה, ער האט מחנך געווען די קינדער, און ער האט מחנך געווען די פקידים ( די גאנגעשטעלט), אין זיין בית המסחר, און בית העסק, און ער האט זיי געשטעלט אויף די פיס, און ער האט באוויזן ווי אזוי מ'דארף ארבעטן, דערנאך מצד דערויף וואס ער איז געווארן פופציק יארן, וכחו במתניו, - האט מען זיך געכאפט אז ס'שטייט אין תקו"ז אז בן חמישים לזקנה, איז וויבאלד אז ער איז "זקנה" געהערט ער אין מושב זקנים!

- אזוי ווי מ'איז א איידעלער מענטש, איז וועט מען לאזן פאר עם א ווינקל אין אפיס, מ'וועט עם דערלויבן מזמן לזמן אריינגיין, און מ'וועט עם כלומר'שט פרעגן עפעס אן עצה און דערנאך טאן פארקערט!

וואס אין להאריך אין ענינים פון חולי החברה.

בדוגמא ווי אין להאריך אין ענינים פון חולי היחיד.

וואס חולי החברה - פון די קרומקייט פון די איינגעשטעלטע און דער עיקר כמדובר כמ"פ - אין פוצה פה ומצפצף!

- איינגעשטעלט אז ס'איז דא א טאג וואס דעמולט שיקט ער זיין אנגעשטעלטן ער זאל קויפן א "גאלסטוק", דערנאך לויפט ער אינמיטן מיט א קאר וואס שנעלער און גיט אפ דעם גאלסטוק דעם פאטער, און זאגט עם: זעסטו? אזוי ווי דאס איז א טאג "פאדערס-דיי", פארבונדן מיטן פאטער, און אזוי ווי "כבד את אביך" איז דאך ביי עם איינגעקריצט אין הארצן, האט ער עם געקויפט א שיינעם גאלסטוק, און א גוטן טאג, ביז איבעראיאר כעת חי' וועט ער ברענגען א גאלסטוק מיט א אנדער קאליר!

מיט נאך אט די ענינים כמדובר, ניט נאר דברים המצערים, נאר דברים המבהילים!

און דער הבהרה שבזה איז, אז מ'רעדט ארום און ארום, אנהויבנדיק פון די הכרזה פון עשה"ד וואס דאס איז איינע פון די עשה"ד "כבד את אביך ואת אמך", און מ'זאגט "למען יאריכון ימיך"!

וכמבואר בספרי מוסר אז ער דארף זיך ריכטן, אז אזוי ווי ס'וועט זיין "יאריכון ימיך", דארף ער וויסן זיין ווי ס'וועט זיין דער יחס פון זיינע אנגעשטעלטע, אדער פון זיינע קינדער בנוגע צו עם ווען ער וועט קומען צו די יארן.

און אזוי ווי מ'לעבט דאך אין א צייט וואס מ'רעדט דאך בזריזות אין די אלע ענינים בלתי רצויים, א גרעסערע ווי ס'איז געווען פריער, איז בשעת ער וועט קומען צו יענע יארן וועט דאס ביי עם זיין מיט צען יאר פאר דערויף!

ווארום ס'איז דאך געווארן א ענין וואס מ'קען אויפטאן אין א טאג וואס אמאל - האט מען געדארפט האבן אויף דערויף א חודש!

וויבאלד אבער אז ס'איז דא דער ענין פון אהבת ישראל - דער עיקר אז דאס איז היפך האמת.

אז מ'וואלט זיי ניט ארויסגעשטעלט פון די חיים פעילים, אע"פ אז אויב ס'איז טאקע אמת אז זיי זיינען חולשא דגופא, איז אט דעמולט דארף מען זיי ניט שיקן באארבעטן פעלדער, איז דאס ווילן די יונגע אויך ניט טאן - פארקערט: דאס וואלט זיי ניט געהארט.

ווען (חייך כאן) ער גייט אוועק אין פעלד און שטעלט זיך דארט אוועק אקערן, וואלט געווען די גרעסטע צופרידנקייט, האט ער ניט געדארפט עם ברייינגען דעם "טלי" אין דעם "נוירסינג האוס"....

ווען מ'נוצט אויס אט די ידיעות וואס ביי זיי האט זיך צוזאמענגעקליבן וואלט אויסגעזען אנדערש די עניני הרשות, ביז אפילו הנהגת המדינה.

וכמדובר לעיל, ווי להבדיל בנוגע צו סנהדרין אין לשכת הגזית, פון די תנאים איז אז ס'דארף זיין "זקנים".

ס'דארף ניט זיין קיין זקן מופלג, און ער זאגט גלייך דעם טעם דערפאר וואס ביי עם פעלט אין מידת החסד.

ניט דערפאר וואס עם פעלט אין רוב שנים לודיעו חכמה.

בשעת מ'וועט קומען צוגיין צו אט די תפארת זקנים, און מ'וועט זיי זאגן אז איר זאלט וויסן אז דוקא בנוגע צו אייך שטייט "מפני שיבה תקום", און ווי ס'שטייט אין תקו"ז הויבט זיך דאס אן ווען ער ווערט אלט פופציק יאר, ניט מ'דארף ווארטן ביז זיבעציק, און דערנאך זאגט מען דעם טעם "מפני הרפתקאות שעברו עליו", איז דערפון פארשטאנדיק אז אפילו ווען ער איז אלט אפילו פופציק יאר האט ער אויכעט מערער הרפתקאות ווי דער איד וואס איז אלט צוואנציק יאר, אדער דרייסיק יאר.

און דערנאך פרעגט ער אז פארוואס האט עם דער אויבערשטער געשטראפט מיט חולשא דגופא, במילא האט ער קיין כח ניט אויף לערנען בהתמדה ושקידה וביגיעה רבה, ווי ער איז געווען ווען ער האט געהאט זיין קביעות שיעורים לתורה, ווען ער איז אלט געווען צוואנציק יאר, אדער דרייסיק יאר, זייענדיק אין ישיבה -

- זאגט מען עם, אז ביי עם קען זיין חולשא דגופא, זאל דאס פועל זיין תוקפא דנשמתא, ובלשון המשנה, אז "זקני ת"ח כ"ז שמזקינים דעתם מתיישבת עליהם".

און ער דארף באטראכטן אט דאס וואס מאיזה סיבה שתהי' איז ער איצטער ווייניקער פארנומען מיט עסקים אדער גארניט פארנומען מיט עסקים, און האט דעם גאנצן טאג לרשותו - איז ווי די וועלט ווערט אנגעפירט דורך דעם אויבערשטן, און דא איז ניט נוגע די כוונה פון דעם וואס האט עם ארויסגעשטופט - דא איז נוגע די כוונה פון דעם אויבערשטן.

און ס'קען זיין אז די כוונה פון דעם אויבערשטן איז אז כדי ער זאל קענען לערנען מתוך מנוחת הנפש, און מנוחת הגוף, און משלים זיין אט דאס וואס ער האט ניט געלערנט אזויפיל בהתמדה ושקידה בשעת ער איז געווען א בחור, און פאר דערויף א קינד און קביעות עתים לתורה ווען ער איז געווען אין עולם העסקים - משבט זבולון!

וויל דער אויבערשטער אז ער זאל קומען צו די שלימות אין לימוד התורה, בכמות, און אויכעט אין שלימות אין לימוד התורה (באיכות?) - האט ער עם אוועקגעשטעלט אין א מעמד ומצב פון מנוחה פון ענינים המבלבלים, פון מסחר, וואס דעמולט איז דאך פארבונדן מיט השגת גבול, אדער אבק השגת גבול, מיט לה"ר, אדער אבק לה"ר, מיט נאך די אלע

ענינים וואס ס'איז דא דער גאנצער חלק אין שו"ע חו"מ וואס רוב הסמנים באווארענען וויל אזוי מ'זאל ניט נכשל ווערן אין די ענינים וואס פ'קען ארויסקומען ווען מ'איז פארקאכט אין מסחר, און אין הצלחת המסחר.

ניט רעכענענדיק אזויפיל מיט די טהרת המידות, אויף וואס פאר אן אופן ער וועט מצליח זיין.

האט עם דער אויבערשטער געגעבן די מעגליכקייט בעוד כוחו במתניו, און ער איז אלט פופציק יאר, אדער עטליכע און פופציק, אדער פאר דערויף, און מתקן געווען א כולל זקנים, ניט זקנים דערפאר וואס זיי זיינען ח"ו "רעטייערד", ניטא ביי א אידן דער ענין פון "רעטייערן" פון צבאות ה'!

אט דאס וואס א איד ווערט געבארן זאגט מען עם גלייך אן אז "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני", איז גלייך ווי ער איז געבארן געווארן איז האט מען עם אריינגעשריבן און מ'האט עם מגייס געווען אין צבאות ה'.

און בלשון רש"י: "ילמוד אותו שבט" וואס ער איז לגיונו של מלך, אז מפרי הבטן - גלייך ווי ער ווערט געבארן ווערט ער גלייך אריינגעשריבן און געציילט צווישן די שבעים נפש וואס ירדו מצרימה אין גלות!

- בין החומות, נאך איידער מ'איז אריין אין גלות האט מען שוין גערעכנט דערפאר וואס נולדה בין החומות.

און דערנאך ברייננגט אראפ רש"י אז גלייך ווען זי איז געבארן געווארן איז וויבאלד אז זי איז געווען א אידישע טאכטער האט מען איר גלייך אריינגעשריבן אין די שבעים נפש וואס דאס איז געווען דער יסוד פון דעם גאנצן אידישן פאלק, און פון איר איז דערנאך געבארן געווארן משה ואהרן, און אויכעט מרים!

וואס בזכותם האט גאנץ כלל ישראל האט געהאט דעם מן מיט די מים, און די ענני הכבוד, מיט אלע ענינים אלס מנהיגי ישראל, און מנהיגות ישראל, און נביאים בישראל.

און דאס איז ניט א זאך וואס איז געשריבן אין תורה, וואס איז געווען א שיינע זאך מיט טויזנטער יארן צוריק, נאר דאס איז אריינגעשריבן אין תורה מלשון הוראה.

און ער קומט צוגיין ריידן מיט אט דעם אידן וואס געפינט זיך אין "נוירסינג האום", אדער אין מושב זקנים, אדער ביי זיך אין פאלאץ, אבער ער ווייס ניט ווי אזוי אהין צו טאן ווארום מ'לאזט עם ניט צו, אדער מ'רעדט עם איין אז ער איז שוין ניט שייכות דערצו, און ער דארף ארומגיין שפאצירן וכיו"ב, מבלה זיין ימיו ושנותיו לתוהו ולבוהו.

- זאגט מען עם, אז גראדע אט די יארן קען ער אויסנוצן, אויף שטייגן אין כל ענייני טוב וצדקה ויושר, ביז עאכו"כ אין שטייגן אין לימוד התורה כפשוטה, וואס זי איז ניט סתם תורה כפשוטה, דאס איז חכמתו של הקב"ה וואס נתן לנו את תורתו - דאס איז דער אויבערשטן'ס תורה אליין!

און בשעת ער וועט זיך אוועקזעצן לערנען אין דעם כולל תפארת זקנים - לוי יצחק, זעצט זיך אוועק דער אויבערשטער אנטקעגן עם און לערנט מיט עם צוזאמען דעם פסוק חומש, אדער אט דעם מאמר אין עין יעקב, אדער אין גמרא, אדער אין פוסקים, כל חד וחד לפום שיעורא דיליה.

און דער אויבערשטער זיצט אלס א זקן, ווי די גמרא זאגט, ווי ער זאגט אין מדרש בנוגע צו מ"ת "נדמה להם כזקן".



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס ביי דעם אויבערשטן איז דאס אמיתית הענין.

וואס דאס איז דער צוזאגנג: בשעת מ'גייט צו צו א מענטשן זאגן עם אז ער זאל זיך פארשרייבן אין תפארת זקנים, גיט ער זיך א טרייסל - ער איז ניט אלט ער איז יונג! זאגט מען עם אז זקן טייטשט אפ די גמרא "זקן - זה שקנה חכמה", אזוי ווי ביי דיר איז געווען כמה הרפתקאות דעבר עלי', די הרפתקאות האבן געבראכט צו אזא מין מעמד ומצב וואס דו האסט ניט געקענט לערנען תורה, און זיך אפגעבן צו ענינים של שכל, וויפל דו אליין האסט געוואלט, דערפאר וואס דו ביסט געווען פארנומען מיט אנדערע זאכן.

- איצטער האט דיר דער אויבערשטער באפרייט, און אוועקגעשטעלט אין א מעמד ומצב אז דו ביזט דער אמת'ער בעה"ב אויף דיין צייט, ניט דו דארפסט נאכלויפן נאך א אנגעשטעלטער וואס דער בעה"ב האט דיר געהייסן, אדער אן אנפירער פון די אנגעשטעלטע, אז ער האט געדארפט זען אז זיי זאלן ניט גיין בטל, במילא האט ער געדארפט מאטערן זיך, מיט וואס גיט מען זיי פאר אן ארבעט, און דערנאך גיין דרייען די קאפ ווי אזוי צו באקומען געלט, און ווי אזוי צו דרייען וכו' וכו'.

איצטער גיט דער אויבערשטער רואיקע יארן, און זעץ זיך אוועק לערנען, און ס'איז א זיכערע זאך אז "טעמו וראו כי טוב", אז דו וועסט נאר פארזוכן דאס וועט דורכגיין א קורצע ווייל וועסטו זען אז "טוב סחרה מכל סחורה"! די אלע ענינים וואס ער האט געטאן אין סחורה כל משך ימי חייו, האט ער נאך ניט געהאט אזא מין גוטע זאך ווי ער וועט איצטער האבן אין "טוב סחרה".

און דארטן וועט ער זיצן ווי א איש מכובד, קיינער וועט עם ניט טאן קיין טובות, און בעטן ער זאל עם דערפאר צאלן, און אפדאנקען עד סוף כל הדורות, קיינער טוט עם קיין טובה ניט, ער לערנט תורת ה', און לערנט דאס מיט א חיות, און לערנט דאס מיט א חברותא, און זעט אז ער פארשטייט נאך בעסער ווי א יונגער, און פארשטייט ביז וואנעט אז ער קען גאר לערנען מיט א צווייטן לאחרי וואס ס'איז דורכגעגאנגען א קורצע ווייל און האט געלערנט אין דעם כולל מיט א חיות.

וכאמור, דאס איז ניט ענינים כדי יענעם איינצורייידן ער זאל זיך ווען משתתף זיין אין דעם כולל - אט דאס איז אמיתית המצב ווי ס'שטייט אין תורתנו, תורת אמת.

און ווי ס'קומט אראפ אין פסק דין בפועל אין דעם שולחן ערוך לפניהם, כמדובר בארוכה.

ועד"ז איכעט בנוגע צו פרויען:

וואס ביי זיי איז דאך אויכעט דא דער ענין פון הרפתקאות דעברו עלי' כמבואר באחרונים אז "מפני שיבה תקום" איז אויכעט דא דער חיוב בנוגע צו נשים.

וואס אע"פ אז דער קאך אין לימוד התורה איז ניט דער זעלבער ווי דאס איז ביי אנשים - איז דאך אבער דוקא איצטער איז לייכטער צו פועל זיין ביי פרויען דער ענין פון לימוד ההורה מער ווי ס'איז געווען פריער, און הלוואי וואלטן זיי אויפגעהערט קאכן זיך אין לייגן תפילין, און צונעמען פרנסה ביי א מאנסביל, און ווערן דוקא ניט קיין רביצין, נאר א רב ר"ל, וואס נשים מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

אז מ'וועט קומען איצטער צוגיין צו א פרוי, און זאגן, אז ניט ח"ו מ'רעכנט אז זי איז א עלטערע פרוי, אבער מ'ווייס אז זי איז אן עקרת הבית, און געווען כו"כ שנים, און זי ווייס וואס זי איז דורכגעגאנגען, און ווי אזוי ס'איז געווען שווערקייטן, און ווי זי איז דורכגעקומען.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דער עיקר: באווארנט, אדער געקענט באווארענען קינדער און קינדס קינדער זיי זאלן זיך פירן אין אזא מין וועג אז עלטערן זאלן האבן פון זיי אמת'ע נחת, זיי זאלן גיין בדרך התורה והמצוה, עאכו"כ דער ענין פון נישואי תערובת זאל זיין מאן דכר שמי', ועד"ז אפילו בנוגע צו עניני צניעות כפשוטו.

און דערפאר בעט מען ביי איר - מ'איז איר מציע, אז מ'זאל מאכן אויכעט א אירגון, אדער א איגוד (ווי מ'וועט דאס א נאמען געבן) ניט קיין נאמען "כוללי", ווארום א אשה דארף ניט אנטאן א כלי גבר, פונקט אזוי ווי א גבר דארף ניט אנטאן א שמלת אשה.

דארף זיין א באזונדער נאמען, זאל דאס הייסן אירגון, זאל דאס הייסן אגודת, ווי ס'איז דא די כמה ענינים, מ'זאל אויסקלייבן א נאמען לפי רוחו, לפי ריצוי, ולפי דעת רוב פון די וואס וועלן זיך אין דערויף משתתף זיין.

און מציע זיין זיי אז זיי זאלן לערנען הלכות אין תורה וואס איז פארבונדן מיט פרויען בפרט און מיט אידן בכלל, ענינים פון יהדות, עאכו"כ ענינים פון כשרות, און טהרת המשפחה, וכיו"ב.

און מסביר זיין זיי, אז מצד דערויף וואס זיי זיינען אדורכגעגאנגען אין לעבן כמה ענינים וואס אנדערע האבן דאס ניט געהאט, ווייסן זיי פון אייגענער נסיון ווי אזוי מ'דארף גיין און ווי-אזוי מ'דארף טאן, און ווי אזוי מ'קען באווארענען, און בשעת זיי וועלן האבן אין זיך די שטארקייט, די שטארקייט וועט זיין געבויט אויף ידיעות וואס זיי וועלן לערנען אין די שעות קבועות וואס זיי וועלן זיך צוזאמענקלייבן אפאר מאל אין וואך.

און מ'וועט לערנען ענינים פון פרשת השבוע, כדי דאס זאל זיי פארבינדן אלעמען צוזאמען, פונקט ווי מ'האט גערעדט אז ס'איז כדאי ס'זאל זיין א לימוד השוה, כדי אלע כוללים וואס דאס איז א לימוד השוה דער ענין וואס אלע וועלן זיך אויסגלייכן - ווען דאס איז אין פרשת השבוע.

און תושב"כ איז לרוב הדיעות אויכעט נשים מחוייבות.

עד"ז ועאכו"כ אין תושבע"פ אין הלכות הצריכות להן.

און דער עיקר אין ענינים שהזמ"ג, מסביר זיין זיי אז פועל זיין ביי אידישע קינדער אדער אפילו ביי אירע חתונה-געהאטע טעכטער אז זיי זאלן ווייסן ווי אזוי אוועקשטעלן די הויז ביסוד התורה והמצוה, אז ס'זאל אינגאנצן מושלל זיין ענינים וואס זיי זיינען היפך פון אידישקייט.

איז בשעת ס'קומט צוגיין א פרוי, דערציילט זיי אז זי אליין האט געהאט דעם נסיון, און איז ביי געשטאנען, אדער זי האט ניט געהאט דעם נסיון דערפאר וואס זי ווייס אז אין תורה שטייט כך וכך, און וועט דאס מסביר זיין אלס א פרוי צו א צווייטע פרוי, ניט דערפאר וואס דאס איז א באבע און דאס איז א אייניקל, זי איז אפשר אינגער פון די צווייטע פרוי בידיעות, בכח, און בכח ההסברה וכו', אע"פ וואס לויטן פאספארט איז זי עלטער פון איר בכו"כ שנים.

וועט דאס אויכעט ארויסנעמען בנוגע צו זיי אט דאס וואס מ'וויל אין זיי איינפלאנצן אז זיי זיינען ח"ו נידעריקער פון אינגערע פון זיי, דערפאר וואס זיי זיינען שוואכער אין בריאות הגוף, און דערפאר וואס זיי קענען ניט נעמען קיין אקטיוון איינטייל מצד דערויף וואס זיי קענען ניט טאנצן דריי שעה נאכאנאנד זיי קענען מערניט ווי עטליכע מינוט.

איז א מענטש איז ניט באשאפן געווארן ער זאל טאנצן שעה'ן נאכאנאנד, א מענטש



הנחה פרטית בלתי מוגה

איז באשאפן געווארן ער זאל מאכן דעם לעבן ארום זיך ריינער, און ליכטיקער, און הייליקער, ווי ס'איז געוועזן איידער ער האט זיך אין דערויף ארייגגעמישט.

און בשעת זיי וועלן האבן קביעות עתים אין תורת חיים, הוראה בחיים, אפילו די וואס האבן געלערנט בצעירותם אויכעט תורה, איז דאך תורה כל זמן בשעת מ'חזר'ט איבער נאכאמאל איז אי אפשר אז ס'זאל ניט צוקומען א נייער געשמאק דערפאר וואס ס'קומט צו נייע ידיעות, און קומט צו נייע אופנים ווי אזוי צו מסביר זיין צו א אנדער פרוי, און צו א אנדער מיידל, ביז צו א קליינע מיידעלע.

ועוד והוא העיקר: אז מאיר עיני שניהם ה', אפילו א פרוי וואס זי איז עלטער פון איר אין יארן, אפילו עלטער פון איר אין ידיעות, זאגט די משנה "איזהו חכם הלומד מכל אדם" - ס'איז א זיכערע זאך אז ס'איז דא זאכן וואס זי קען אויסלערנען די פרוי וואס איז עלטער פון איר בכמה שנים, אבער אין דעם פרט האט זי די ידיעה און די צווייטע האט דאס ניט.

ווי כמדובר, נוסף על העיקר וואס מ'האט גערעדט פריער, אז דאס איז א ענין וואס וויבאלד מ'דארף האבן אז ס'זאל צוקומען אין לימוד התורה בפשטות, איז ניט דער עיקר איז דער נאמען, ניט דער עיקר איז די יארן, און ניט דער עיקר איז צי מ'וועט צאלן אזויפיל געלט, צי מערער געלט, צי גארניט צאלן קיין געלט, ניט דער עיקר איז דער נאמען -

דער עיקר איז, אז מ'זאל טאן די אלע ענינים אז עס זאל האבן אלץ וואס מערער קיום, סיי בכמות און סיי באיכות.

איז דערפאר איז אין אט דעם חוג, און דעם ארט וואס אז מ'וועט צאלן געלט די משתתפי הכולל, וועט דאס צוהעלפן בכמות, אדער באיכות, דארף מען זיך משתדל זיין בזה, אז מ'וועט געבן דעם נאמען, אדער יענעם נאמען, וועט דאס צוגעבן חיות, און שיינקייט, דארף מען זיך משתדל זיין אין דעם שם המתאים.

און דערנאך קומט צו נאך א זאך, וואס דאס איז ניט "נאך", א טפל, נאר אויך א ענין עיקרי כמדובר לעיל:

אז ס'האט זיך איינגעשטעלט ר"ל פאר די לעצטע צענדליקע יארן א יחס צו מענטשן וואס כוחם במתנם עאכו"כ כוחם בראשם ובשכלם, אז מ'האט צו זיי אנגעהויבן מתייחס זיין ווי דאס וואס מ'רופט דאס אן בלשון המדינה ווי צו צווייט ראנגיקע מענטשן!

וואס די איינציקע זאך וואס מ'טשעפעט זיך צו זיי, וואס ער איז געבארן געווארן מיט אזויפיל יארן צוריק, ניט מיט צען יאר שפעטער.

וואס דאס איז זייער איינציקע עוולה, וואס ער געפינט אויף זיי:

ער איז אלט פופציק יאר - ער האט געקענט אלט זיין פערציק יאר!

וכמדובר, אז דאס איז היפך פון תורת אמת, אז אריכות ימים ושנים טובות איז דאס א ברכה, נאר-וואדען, פונקט ווי אלע ענינים גיט דער אויבערשטער בהירה, האט א מענטש א בחירה אז ער ווערט עלטער קען ער ביי זיך אליין מאכן אומעטיק זיין לעבן, און זיך אליין מצער זיין, און איינריידן זיך ענינים וואס זיינען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן (ווי בלשון העולם), אז ער איז געווארן בידעריקער, און ער איז געווארן ניט ראוי לענין זה, ניט ראוי לענין שני, און דערנאך קומט צוגלייך נאך א צווייטער און זאגט אז ער איז זיינער א גוטער פריינט, און וויל עם פארקערט, ארויסשטופן ממקומו, און מסביר זיין עם אז דאס איז א ענין של ברכה, נאר ער האט די בחירה אויף אויסנוצן זיינע יארן אז זיי זאלן ווערן חיים ושנים של חיים טובים און מלאים תוכן, פול מיט א לעבעדיקן אינהאלט און א אמת'ן אינהאלט, און מיט א אינהאלט וואס ער ווערט טופח ע"מ להטפיח.

און זיין נשמה ווערט א נר ה' נשמת אדם, א נר להאיר, זי באלייכט, אדער צינדט גאר אן מלכתחילה די נשמה פון אידן וואס זיינען סביבו.

און אז ער קומט צוגיין און זאגט אז ער איז דורכגעגאנגען בחייו אט דאס וואס ס'גייט דורך דער איד, אדער מענטש מיט וועמען ער טרעפט זיך, און רעכנט אז ער איז זיך מתייאש (דער צווייטער), אדער ער ווערט ביי זיך אראפגעפאלן - גיט ער עם א גלעט אויף דער פלייצע און זאגט עם אז ס'הויבט זיך גארניט אן, ער אליין איז דאס דורכגעגאנגען, און האט דאס אויסגענוצט און דאס איז געווען ירידה צורך עלי'.

און דערציילט עם א סיפור פון חכמינו ז"ל, און דערציילט עם א הוראה פון שו"ע, און א סיפור פון עין יעקב, און א מדרש פון מדרשי רז"ל, וכו', און טוט דאס מיט א חיות, וועט ער ערשט דעמולט זען אז ער שטייט העכער ווי בשעת ער איז געווען א דירעקטאר במקום פלוני, און האט געדארפט חנפ'ענען די דירעקטארן העומדים עליו, און האט געדארפט גיין שווינדלען כדי צו קענען דרייען דעם געשעפט, וואס ער האט זיך געהאלטן אויף ענינים וואס זיינען ניט געווען במציאות.

און איצטער איז ער געווארן אינגאנצן א בן חורין פון ענינים המבלבלים, פארבינדט דאס מיט "אין לך ב"ח אלא מי שעוסק בתורה".

און דערנאך האט תורה דעם כח, כמדובר לעיל, אז בשעת מ'פארזוכט דאס "טעמו", איז אט דעמולט זעט מען "וראו - כי טוב", און דערנאך זעט מען אז "טוב סחרה מכל סחורה", ובאופן דמוסיף והולך ואור.

כדי ניט צו פארלירן זיך מפני אריכות הדיבור, איז פארט וואס וויל מען, און וואס זאל מען טאן היינט ביינאכט, אדער מארגן אינדערפרי וכיו"ב -

איז דאס כמדובר לעיל, די נקודה העיקרית בזה איז, אז מ'זאל זען אז מ'זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה צו יעדער צו וועלכן ער קען דערגרייכן.

אזוי ווי ס'איז דא אזוינע וואס זיי האבן שוין דאס, און ס'איז דא אזוינע וואס האבן נאך גארניט אין דעם, איז במילא ווי מ'זאגט בנוגע "אם כסף תלוה את גו' העני", אז העני והעשיר, איז דער דין העני קודם.

איז דא א שימת לב מיוחדת צו זקנים, וואס ביי זיי איז דא אסאך זמן פנוי, ווי מ'זעט בפשטות ווייסן זיי ניט, אדער מ'לאזט זיי ניט צו אנפילן זייער זמן מיט א תוכן מתאים לשמו, אז דאס זאל זיין לעבעדיקע טעג, און לעבעדיקע יארן.

עד"ז אין אהבת ישראל דארף דאך זיין ווי תורת הבעש"ט דארף דאס זיין צו יעדער אידן, און אלע אידן - איז אין דערויף אויכעט דא אן עני ועשיר:

און די עניים בזה זיינען זקנים וזקנות, וואס מצד סיבות שונות ומשונות וואס זיינען פארבונדן מיט חושך כפול ומכופל פון גלות, איז תמורת זה וואס מ'דארף מוסיף זיין אין כבודם משנה לשנה, און מוסיף זיין אין יחס לבבות מיט זיי מידי שנה - טוט מען אויף צו-להכעיס פונקט פארקערט.

וויבאלד אז זיי זיינען עניים אין אהבת ישראל צו זיי, עניים אין א יחס וואס קומט מצד אהבה צו זיי דער עני ועשיר עני קודם.

דארף מען האבן א שימת לב מיוחדת אין דעם ענין פון זקנים און זקנות.

און מ'קען דאס מאחד זיין (די ביידע נקודות צוזאמען), דורך דערויף וואס מ'וועט מעורר זיין און מעודד זיין אט די וואס זמנם פנוי די וואס זיינען זקנים-



הנחה פרטית בלתי מוגה

מאיזה סיבה שתהי', זקנים עכ"פ פון העדר ההתעסקות, אדער פון מיעוט ההתעסקות.

צוזאמען מיט קביעות עתים בתורה לכל חד וחד לפום שיעורא דילי'.

און אויכעט בנוגע צו זקנות, נאר דארט ניט א נאמען געבן "כולל", און אויך ניט א נאמען געבן "זקנות", כדי דאס גופא זאל זיי ניט שרעקן, וואס אין המקום להאריך בזה, פארוואס דאס איז אזוי, אבער בכל אופן דאס האט א מקור, דאס איז געווען אזוי נאך בזמן הש"ס אויכעט, במילא דא וועט זיין שווערער איינצוקערן, מאכט ניט אויס אז דאס וועט זיין א אנדער נאמען.

בפרט נאך אז דא איז נאך א שינוי, ווי גערעדט פריער, לא ילבש גבר שמלת אשה, ועד"ז אין דעם ענין ההפכי.

און נאך מדגיש זיין בזה, אז ע"פ דין, און רש"י ברייגנגט דאס אראפ בפירושו על התורה, אז דאס וואס אין חולשא דגופא וואס ס'איז דא ביי א זקן אדער זקנה, איז ביי א זקן איז דאס מערער ירידה אין חולשא דגופא ווי דאס איז ביי א זקנה.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז "סבתא בביתא סימא בביתא", אז ס'איז דא אן עלטערע פרוי אין הויז איז דא אן אוצר אין הויז!

און מסביר זיין זיי אז פארוואס האבן זיי א ספעציעלן יחס בשעת מ'דארף פועל זיין ביי א צווייטן, איז מצד דערויף וואס זיי זיינען בטבע מערער מיט מידות רכות, קענען זיי מסביר זיין מיט מער דרכי נועם און מיט דרכי שלום, און מער דרכי החינוך, ווי אזוי פועל זיין אויף א צווייטן, ווי אזוי צו פועל זיין ביי א צווייטן דארף מען האבן ידיעות ניט זאגן "גזירה גזרתי", נאר ער האט דאס געלערנט במקום פלוני, אדער ער האט די הסברה בזה בשכל וואס ער נעמט דאס ארויס פון תורה, וואס היא חכמתכם ובינתכם לעיני כל העמים.

און אויך מיט דעם זעלבן אופן, אז ניט אז דער נאמען איז א עיקר, און ניט דער צאלן געלט איז א עיקר, און ניט די שאר ענינים זיינען א עיקר - דער עיקר איז אז מ'זאל זיי מאגד זיין, און מ'זאל אין זיי ארייננגעבן א חיות אז זיי האבן ניט וואס צו זיין אראפגעפאלן ביי זיך דערפאר וואס דער אויבערשטער האט זיי געגעבן א ברכה מיוחדת מיט אריכות ימים. ושנים, וואס זיי זיינען שנים טובות, אויב נאר זיי וועלן אנפילן מיט א תוכן טוב.

און ברייננגען זיי אויכעט א תכנית (א פראגראם), ניט יענער זאל זיך דארפן זעצן און טראכטן ווי אזוי צו טאן, נאר קומען מיט א פארטיקע הצעה, אבער ניט בתור גזירה גזרתי, נאר בתור הצעה אז מ'שלאגט זיי פאר אז מ'זאל לערנען די ענינים אין די זמנים ובמקום פלוני ובהנהלת פלונית וכו'.

און די החלטה סופית בלייבט ביי די וואס זיינען משתתפות.

ותן לחכם ויחכם עוד, אז מ'וועט נעמען די נקודות, אדער האבן אייגענע נקודות, און דער עיקר איז וועלן צוקומען צו דער תכלית אז ס'זאל זיין "תרבה החכמה והדעת", ס'וועט צוקומען אין לימוד התורה בכל מקום שאפשר, ובכל איש ואשה שאפשרי, און ס'זאל צוקומען אין אהבת ישראל, און דער עיקר "להחיות רוח נשפלים", אט די וואס מ'האט זיי געמאכט אז זיי זאלן זיין נופלים ברוחם מצד דערויף וואס דער אויבערשטער האט זיי געבענטשט מיט נאך יארן.

אז טאקע לעודד את רוחם, און לרומם את רוחם, און פארבינדן דאס אויכעט מיט א דבר טוב ומועיל ווי גערעדט פריער לימוד ההלכות הצריכות, ובמיוחד די הלכות הצריכות וואס מ'דארף משפיע זיין אויף נשי ובנות ישראל.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דאס וועט זיין בשעת יעדערער וועט אויף זיך קוקן אז ער האט דעם כח אויף צו זיין א שופט, לערנען מיט א צוויליטן ווי אזוי מ'דארף זיך פירן, דורך דערויף וואס ער האט פריער געלערנט פון א צוויליטן ווי אזוי מ'דארף זיך פירן, אדער ער האט געלערנט בדיבוק חברים, ווי אזוי מ'דארף זיך פירן.

און דאס גופא האט עם געגעבן כח ער זאל קענען דורכפירן זיינע החלטות טובות בפועל, ניט רעכענען זיך מיט מניעות ועיכובים, וואס דאס איז דער ענין פון שוטר.

וועט דאס זיין די הכנה קרובה ווי דער פרשת השבוע והחלטה, אז "שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך", אז בקרוב ממש וועלן אלע אידן ביז אין א אופן פון שלימות העם, לערנען תורה, און לערנען תורה מיט א חיות, און מוסיף זיין בזה, ס'וועט זיין שלימות התורה.

און מ'וועט גיין בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו אין ארץ הקדושה - אין שלימות הארץ, וואס "תמיד עיני ה"א בה מראשית השנה ועד אחרית שנה".

און גייט אין א אופן וואס "לכל בנ"י הי' אור במושבותם" נאך זייענדיק אין גלות.

און גיין אין אן אופן וואס שמחת עולם על ראשם, אין אן אופן וואס דער אויבערשטער זאגט לכל הגוים ולכל העמים, אז מ'זאל ברייגנען בניך בחצן ובנותיך על צד תנשאנה, ביז אין אן אופן "מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך", נאך אין די לעצטע טעג פון גלות.

און מקבל זיין פני משיח צדקנו במהרה בימינו ממש, וואס "יבנה ביהמ"ק במקומו", און ער וועט מחדש זיין די סנהדרין אין טבריא און אין גליל וכיו"ב, ווי דער רמב"ם ברייגנגט אראפ לפסק הלכה "ולשם חוזרים".

און דאס וועט זיין בעגלא דידן ממש, ובשמחה ובטוב לבב, דורך אני לדודי ודודי לי, מיטנעמען דעם מלך פון דעם שדה, מיט אלע ענינים ווי זיי געפינען זיך בשדה.

און גיין אין עיר הבירה, און קודם לזה אין ארץ הקודש אין "עיר בה חנה דוד", "קרית מלך רב", ירושלים עיר הקודש, ביז אין היכל מלכותו "מקדש אדנ-י כוננו ידיך".

ובשמחה והטוב לבב.

* * *

צוה לנגן אבינו מלכנו.

התחיל לנגן ניעט ניעט.

אח"כ אמר: אידער מ'וועט פארענדיקן דארף מען דערמאנען די אלע מבצעים אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל, פארבונדן מיט מבצע חינוך, וואס ברייגנגען צו מבצע פון תורה, און מבצע תפילין, און מבצע מזוזה, און מבצע צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און מבצע פון נש"ק ויו"ט, און מבצע פון כשרות האכו"ש, און מבצע פון טהרת המשפחה, און דער ענין פון מבטל זיין מיהו יהודי, און ח"ו ר"ל לא להחזיר אף שעל פון די שטחים וואס מ'האט זיך באפרייט, און אפגעגעבן לנחלת עולם, לעם עולם, פון אלקי עולם, ווי ס'שטייט אין תורה הניצחית.

ס'איז אן ענין וואס הי' לא תהי', ווארום דאס איז אז "הוא ובניו כל הימים", ווי מ'זאגט דאס אין היינטיקער שיעור.

- שיחת ר"ח אלול תש"מ - כה -

און דורכפירן די אלע ענינים בדרכי נועם ובדרכי שלום, דורך א התאחדות פון כולנו כאחד, וועט זיכער זיין ברכנו אבינו.

און האבן דאס אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור ביז וואנעט אז ירחיב ה' את גבולך, נאכמערער ווי א"י לגבולותי', שלימות הארץ, נאר אין א אופן פון "ירחיב".

דורך דערויף וואס יעדערער וועט מרחיב זיין אין א"י הרוחנית, אין זיין לימוד התורה און זיין קיום המצוות בהידור, אנהויבנדיק פון ואהבת לרעך כמוך, וואס דאס איז זה כלל גדול בתורה.

און דער אויבערשטער וועט געבן יעדערער כל המצטרך לו, בני חיי ומזוני רויחא, ביז אין אן אופן וואס "ירחיב ה' את גבולך", נאך זייענדיק אין גלות.

און יעדערער און יעדערע בתוך כלל ישראל וועט האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, בכל הפרטים ובכל הענינים, אמן כן יהי רצון!

די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה.

* * *

הנחה פרטית בלתי מוגה

**שיחה לילדי מחנות קיץ "גן ישראל" ו"אמונה" שיחיו**
**— בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה —**
**יום ג' פ' תבוא, י"ד אלול ה'תש"מ.**

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1]].

ב. מ'וועט אָנהויבן מיט אַן ענין אין תורה, און אין תורה גופא — מיט דעם חלק אין תורה וואָס איז במיוחד פאַרבונדן מיט היינטיקן טאָג,

וואָס דאָס איז — דער שיעור חומש פון פרשת השבוע וואָס מ'לערנט היינטיקן טאָג, ווי דער אַלטער רבי

[וואָס זיין יום הולדת (און אויך דער יום הולדת פון דעם בעש"ט) איז דעם קומענדיקן שבת, ח"י אלול[2].

וואָס מ'הויבט זיך שוין אָן גרייטן צו דעם שבת (ח"י אלול) פון מיטוואָך אָן[3], אָדער נאָך פון פריער — פון דינסטאָג נאָך תפלת מנחה, דעם איצטיקן זמן]

האָט געזאָגט[ו] אַז יעדן טאָג פון דער וואָך זאָל מען לערנען דעם שיעור חומש פון פרשת השבוע פון דעם טאָג, זונטאָג — פון אָנהויבס סדרה ביז שני וכו'.

ג. דער שיעור חומש וואָס מ'לערנט היינטיקן טאָג, יום השלישי שהוכפל בו כי טוב[4], דעם דינסטאָג פון דער וואָך פון פ' תבוא, איז — דער טייל פון דער סדרה פון שלישי ביז רביעי.

1) נדפסו בחוברת "י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, ה'תשל"ו).
2) ספר השיחות תש"ג ע' 141 ואילך.
3) ראה פסחים קו, סע"א. שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ס"ח. וראה היום יום ס"ע ה.
3*) "היום יום" ע' יג.
4) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז.

הויבט זיך גלייך אָן דער שיעור חומש[5], אַז דער אויבערשטער האָט איבערגעגעבן צו די אידן דורך משה רבינו

— און דורך משה רבינו איז דאָס דערנאָך אָנגעקומען צו אַלע אידן, אָנהויבנדיק פון די זקנים, צו די רביים און רבנים וואָס זיינען אין יעדער דור און אין יעדער שטאָט, ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר —

אַז "היום הזה ה' אלקיך מצוך (יעדער איד און אַלע אידן) לעשות את החוקים האלה גו'", מ'זאָל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות.

און דאָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן מיטן לשון "היום הזה ה' אלקיך מצוך" — ווי רש"י טייטשט אָפּ: "בכל יום יהיו בעיניך חדשים כאילו בו ביום נצטוית עליהם": די ציוויים זיינען ניט נאָר "כחדשים"[6] מיט אַ כ"ף הדמיון, כאילו ווי דאָס וואָלט געווען ניי, נאָר — "חדשים", דאָס איז ממש ניי.

ד.ה. אַז "היום הזה", היינט ממש, "ה' אלקיך מצוך לעשות את החוקים האלה גו'", דער אויבערשטער קומט צו יעדער אידן, פון קליין ביז גרויס, און זאָגט אים, און בעט ביי אים און גיט אים כח — ער זאָל אָפּהיטן אַלץ וואָס דער אויבערשטער האָט איבערגעגעבן אין זיין

5) פרשתנו כו, טז.
6) ראה ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ו. וראה שו"ע (ואדה"ז) או"ח סס"א ס"ב.

תורה און דאס מקיים זיין אין טאג־טעגלעכן לעבן, וויסנדיק אז ער האט עס באקומען פון־דאס־ניי אלס א נייע זאך דעם טאג ממש.

ד. דערנאך איז מען ממשיך אין דעם שיעור חומש[7]: „את ה׳ האמרת היום להיות לך לאלקים גו׳״ און „וה׳ האמירך היום להיות לו לעם סגולה גו׳״:

„היום״, אין דעם זעלבן טאג ווי „היום הזה״ (ווארום „האמרת היום״ און „האמירך היום״ קומט אלס פארזעצונג צו „היום הזה״ אין דעם פריערדיקן פסוק[9]), ד.ה. היינט ממש — קלייבט אויס יעדער איד, נאכאמאל פון־דאס־ניי ממש („חדשים״), דעם אויבערשטן אלס „אלקים״, אז ער זאל זיין זיין ג־ט און זיין אנפירער („ללכת בדרכיו״) אויף אלע טעג פון דעם יאר און פון די קומענדיקע יארן.

„וה׳ האמירך היום להיות לו לעם סגולה גו׳״: „היום״, אין דעם טאג ממש, קלייבט אויס דער אויבערשטער פון־דאס־ניי ממש („חדשים״), דעם אידישן פאלק און יעדערן פון דעם אידישן פאלק, אז זיי זאלן זיין אן „עם סגולה״ — אן אויסגעקליבענער פאלק פון צווישן אלע פעלקער,

און „לתהלה ולשם ולתפארת . . עם קדוש לה׳ אלקיך״: א פאלק וואס איז אפגעטיילט און הייליק געמאכט, און געמאכט פאר א „תפארת״, מ׳בארימט זיך און מ׳באשיינט זיך מיט אים. דער אויבערשטער אליין זאגט אז כל ישראל, יעדער איד, איז „מעשה ידי להתפאר״[10] (ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל), ער בארימט זיך און ער שענערט זיך דורך יעדער איד און אלע אידן.

און ווי געזאגט, אונטערשטרייכט מען אז דאס איז „היום״ („את ה׳ האמרת היום גו׳״ און „ה׳ האמירך היום גו׳״) — דאס ווערט אויפגעטאן דעם טאג ממש, „היום״, פון־דאס־ניי, „חדשים״, פונקט ווי ס׳איז געווען דעם ערשטן מאל בא מתן תורה בסיני.

ה. דער ענין (וואס שטייט אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג) פון „את ה׳ האמרת היום גו׳״ און „וה׳ האמירך היום גו׳״ — איז נאכמער בהדגשה איצטער, וויבאלד אז מ׳געפינט זיך אין חודש אלול [וואס פ׳ תבוא, כולל די פסוקים „את ה׳ האמרת היום״ און „וה׳ האמירך היום״, לייענט מען אלעמאל אין דעם חודש]:

דער אלטער רבי זאגט[11] אז אין חודש אלול איז דער אויבערשטער אזוי ווי א מלך וואס געפינט זיך בשדה, וואס „אז רשאין[12] כל מי שרוצה לצאת להקביל פניו״.

ד.ה. אז אין חודש אלול דארף מען זיך ניט אנשטרענגען און מאכן צוגרייטונגען כדי צו טרעפן זיך מיט דעם אויבערשטן (און קרוינען אים אלס א מלך און „אלקים״, „להיות לך לאלקים״) — ווארום ער איז ניט אפגעשלאסן בא זיך אין „היכל מלכותו״, און נאכמער — ער געפינט זיך מיט יעדער איד אין פעלד, אויסער דער הויפט שטאט.

---

7) שם, יז־יח.

8) ראה לקו״ש ח״ט ע׳ 166.

9) פרשתנו שם. טז.

10) ישעי׳ ס, כא.

11) בלקו״ת ד״ה אני לדודי ודודי לי — ראה לב, ריש ע״ב.

12) ומוסיף ומבאר כ״ק מו״ח אדמו״ר — דשאים ויכולים (סד״ה לך אמר לבי הש״ית (סה״מ תש״י ע׳ 285)).

און ווי דער אלטער רבי שטרייכט אונטער אז בשעת דער אויבערשטער געפינט זיך (אין חודש אלול) ווי א מלך בשדה, איז ער „מקבל את כולם בסבר פנים יפות, ומראה פנים שוחקות לכולם" — ער באווייזט אידן א פריילעכן פנים, און ער נעמט-אויף יעדערן פון זיי מיט א לייכטענדן פנים[13] און מיט א שיינעם פנים, און ווארט אז מ׳זאל אים בעטן בקשות, וואס ער וועט זיי ממלא זיין.

ו. וואס דערפאר איז אין חודש אלול נאכמער בהדגשה דער ענין פון „את ה׳ האמרת היום להיות לך לאלקים" און „ה׳ האמירך היום להיות לו לעם סגולה", און — אז דאס איז „היום" און „חדשים", דאס איז ערשט געגעבן געווארן צו יעדן אידן פון-דאס-ניי, צוזאמען מיט דעם כח אז מ׳זאל דאס קענען טאן.

און אויפטאן אין אן אופן פון „לתהלה ולשם ולתפארת", אז דערנאך ווערט מען געלויבט און מ׳באקומט א גוטן נאמען און מ׳ווערט א שיינע זאך אויף אלע יארן.

ביז „להיות לו לעם סגולה", דער גאנצער אידישער פאלק, און יעדער יחיד פון זיי, האנשים והנשים והטף[14], די מאנסביל און די פרויען, ביז די קינדער אויף די גאר קליינע קינדער (וואס ווערן אנגערופן בשם „טף"[15]), ווערן א „סגולה", אן אויסגעקליבענע און טייערע זאך פון מלך מלכי המלכים הקב״ה.

און אידן טוען דאס אויף מיט „פנים יפות" און „פנים שוחקות", מיט פריילעכקייט און ליכטיקייט — אזוי ווי דער מלך איז דעמולט[16].

וואס דאס גיט נאך מער צו אז מ׳זאל מצליח זיין אין די אלע זאכן.

• • •

ז. דאס פריער געזאגטע קומט אויך אין פארבינדונג דערמיט וואס בכל יום פון חודש אלול וועז דער מלך געפינט זיך בשדה בלאזט מען שופר[17] (חוץ פון שבת און ערב ר״ה).

און ווי מ׳האט אויך געבלאזן דא איצטער נאך דער תפלה [אין צוגאב צו דעם וואס מ׳האט געבלאזן שופר אין אנהויבס טאג נאך תפלת שחרית, וואס אפשר איז דא איימיצער וואס האט עס ניט געהערט].

דער טעם וואס מ׳בלאזט שופר בחודש אלול, איז[18] — כמ״ש[19] „אם יתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו", בכדי צו פועל׳ן אויף אידן דעם „יחרדו", יראה, יראת ה׳ וואס זיי דארפן האבן.

דער „יחרדו", די יראת ה׳ (וואס קומט דורך תק״ש) איז ניט נאר א זאך פאר-זיך — נאר כדי אז דאס זאל דערנאך ברענגען צו דעם עיקר תכלית[20] — צו לערנען תורה און מקיים זיין די מצוות

---

13) ראה לקו״ת שם: להקביל אור פניו ית׳ כו׳ יאר ה׳ פניו אליך.

14) להעיר שהשנה הבעל״ס היא שנת הקהל, שאז צ״ל „הקהל את העם האנשים והנשים והטף" (וילך לא, יב).

15) ראה אוה״ת עה״פ שם, יג. כלי יקר עה״פ שם, יב. ובמנ״ח מצוה תרי״ב: שיעור השנים של טף נראה דתיכף שיצאו מכלל נפל. וראה גם רמב״ן עה״פ שם, יג. גו״א (לפרש״י עה״ת) עה״פ שם, יב.

16) כמים הפנים לפנים גו׳ — ראה תניא פמ״ז.

17) טור או״ח ר״ס תקפא. רמ״א או״ח שם. השלמה לשו״ע אדה״ז או״ח ר״ס תקפא.

18) רס״ג הובא באבודרהם בטעמי התקיעות. טור שם. השלמה לשו״ע אדה״ז שם. וראה אוה״ת נצבים ע׳ א׳רפ ואילך.

19) עמוס ג, ו.

20) ראה תניא ספ״מ.

וואס שטייען אין תורה, „לעשות את החוקים האלה גו׳״, ווי געזאגט פריער (ס״ג).

און וויבאלד אז מ׳בלאזט שופר יעדן טאג פון חודש אלול, כולל אויך היינטיקן טאג — דערוועקט דאס „היום הזה״ יעדן טאג פון־דאס־ניי יראת ה׳ פון דעם מלך (בשדה), וועלכע ברענגט לימוד תורתו און קיום מצוותיו.

ח. אין דערויף קומט צו נאך א נקודה:

ע״ד ווי דער ערשטער טעם וואס דער רס״ג[21] זאגט אויף תק״ש בראש השנה, אז דאס איז ווי מ׳פירט זיך אז בשעת מ׳קרוינט א מלך בלאזט מען שופר, מודיע ומפרסם זיין אז מ׳האט מכתיר געווען דעם מלך, ווי ער איז דארטן מבאר בארוכה, און מ׳זעט דאך די שמחה[22] פון פאלק בשעת מ׳קרוינט א מלך —

עד״ז י״ל אויך בנוגע צו תק״ש פון חודש אלול, כולל אויך תק״ש פון היינט — אז דאס איז ניט נאר צוליב „יחרדו״, יראת ה׳, נאר אויך — דערוועקן הכתרת המלך,

ובפרט אז תכלית היראה איז דאך, כנ״ל, לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, כולל דאס געזאגטע אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג, די מצוה פון „את ה׳ האמרת היום להיות לך לאלקים״, אז מ׳נעמט אן דעם אויבערשטן אלס א מלך, „היום הזה״, דעם טאג ממש.

ט. בשעת מ׳קרוינט א מלך איז דאך דער מנהג (ווי געבראכט אויך אין תורה[23]), אז דער מלך גיט מתנות צו די וואס האבן אים מכתיר געווען אלס א מלך.

און וויבאלד „את ה׳ האמרת היום להיות לך לאלקים״, „היום״, היינט ממש נעמט מען אן דעם אויבערשטן אלס א מלך — באקומט מען פון אים מתנות.

ובפרט אז (ווי מ׳האט פריער דער־מאנט[24]) איז יעדערער פון אייך, און זיכער נאך א סאך אידישע קינדער און ערוואקסענע — האבן געגעבן מתנות פון פסוקי תורה און מאמרי חז״ל און פון קיום המצוות, און געגעבן א סאך מתנות, און דאס געגעבן מיט א „פנים שוחקות״ און „בסבר פנים יפות״ —

פאַרגרעסערט דאס נאך מערער די מתנות וואס דער מלך, דער אויבערשטער, מלך מלכי המלכים הקב״ה, גיט יעדערן פון אייך און יעדערן פון דעם אידישן פאלק, יעדער אידן וואו ער געפינט זיך.

אנהויבנדיק פון דער מתנה עיקרית, אז מ׳זאל זיך גרייטן בהצלחה צו דעם יאר וואס קומט אן, און עס זאל זיין א

21) הובא באבודרהם שם.

22) אף „שימים אלו לא ניתנו לשמחה״ (שו״ע אדה״ז סתקפ״ב ס״י) — הרי עליהם נאמר (נחמי׳ ח, י״ד). וראה שו״ע שם סתקפ״ג ס״ד) אכלו משמנים גו׳ אל תעצבו כי חדות הוי׳ היא מעוזכם. וממשיך וילכו כל העם לאכול גו׳ ולעשות שמחה גדולה. וענין ר״ה הוא „וגילו ברעדה, תגל הארץ, בני ציון יגילו במלכם״ (לקו״ת נצבים מז, רע״א). ובר״ה אדה״ר „שר את דברי השירה הזאת ה׳ מלך גאות לבש״ (לקו״ת תבוא מא, ד. וראה שם מב, א). ובד״ה יו״ט של ר״ה תש״ג רפ״ב: וההכתרה באה בשמחה גדולה כו׳ יבקשוהו להיות מלך וענין הבקשה הו׳ כו׳ והשמחה.

23) ראה אסתר ב, יח (בנוגע להכתרת אסתר המלכה): ויעש המלך משתה גדול . . והנחה למדינות עשה ויתן משאות כיד המלך. וראה סה״מ הש״ת ע׳ 23. שביום שמחת לבו נתן המלך מתנות.

24) מנהלי המחנה ש׳חיו.

כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, צו יעדערן און יעדערע אין וואס ער נויטיקט זיך,

צוזאמען מיט דער ברכה עיקרית — די גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, בקרוב בימינו ממש.

• • •

י. ווי געזאגט פריער איז היינט אויך דא דער ענין פון „וה׳ האמירך היום להיות לו לעם סגולה״, אז „היום״ ממש האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן פון־דאס־ניי יעדער איד און אלע אידן „להיות לו לעם סגולה״.

וואס ס׳איז דאך זעלבסטפאר־שטענדליך אז דאס איז ניט ח״ו כדי אידן זאלן זיין בגאוה — נאר כדי אידן זאלן וויסן און פילן אז דער אויבערשטער האט אויסגעקליבן יעדער אידן, פון קינד־ווייז אויף, ער זאל זיין זיינער א שליח און זיין „סגולה״ אויף מאכן ליכטיק אין וועלט, דורך „נר מצוה ותורה אור״[25], דורך דעם וואס ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות,

איינגעשלאסן, כפשוט, די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך״[26] (ווי מ׳האט ערשט דערמאנט אין די י״ב פסוקים און מאמרי חז״ל) — אז אן אינגעלע ווירקט אויף אן אינגעלע ארום אים און א מיידעלע אויף א מיידעלע ארום איר, אז אויך זיי זאלן זיך פירן אין דעם וועג פון תורה ומצוות.

און דורך דעם אלעם באווייזט ער אז ער איז בארעכטיקט צו טראגן אויף זיך דעם נאמען „סגולה״, און אז ער איז א „בן אברהם יצחק ויעקב״[27] און „בת שרה רבקה רחל ולאה״[28].

און אויך באווייזט ער אז ער איז א „סגולה״ דורך דערויף וואס ביי אים איז דא דער „את ה׳ האמרת היום להיות לך לאלקים״, ער נעמט אן דעם אויבערשטן אלס א מלך פון־דאס־ניי, מיט נייע כחות און מיט א נייעם שטורעם,

וואס דאס באנייט און שטארקט דעם „וה׳ האמירך היום להיות לו לעם סגולה״, אז דער אויבערשטער קלייבט אים אויס אז ער זאל זיין „לתהלה ולשם ולתפארת״.

יא. ענין הנ״ל, אז דער אויבערשטער זאל אויסקלייבן אידן אז זיי זאלן זיין „לתהלה ולשם ולתפארת״, טוט מען אויף (אויך) דורך דערויף וואס א איד בעבודתו פועל׳ט אז די זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט „תפארת״ זאלן זיין בתכלית השלימות[29]:

עס זאל זיין „תפארת בחורים״[30] — מ׳זאל פועל זיין אויף זיך פון קינד־ווייז אויף[31], און אויך פועל זיין אויף די אלע צו וועלכע מ׳קען דערגרייכן, צו מוסיף זיין אין „והתפארת זו מ״ת״[32] — מוסיף זיין אין ענינים פון תורה, לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות:

איינווירקן אויך אויף די פאטערס און זיידעס אז זיי זאלן מוסיף זיין אין

---

25) משלי ו, כג.

26) קדושים יט, יח.

27) ראה ב״מ פג, א.

28) ראה ברכות טז, ב.

29) בהבא לקמן — ראה ג״כ שיחות ש״פ ומוצאי ש״פ עקב, כ״ף מנחם־אב, ש״פ ראה, מבה״ח אלול ור״ח אלול תש״מ (לקו״ש עשרים באב תשד״מ).

30) ע״פ ל׳ הכתוב משלי כ, כט. וראה אבות פ״ו מ״ח.

31) כי כל אחד ואחת מישראל תיכף משנולד — עליו נאמר בנו בחרת מכל עם ולשון.

32) בבבות נח, סע״א.

„תפארת זקנים״[33] — מוסיף זיין אין לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות,

און אזוי אויך אויף די מוטערס און באבעס, אז בא זיי זאל זיין „תפארת חכמות נשים״[34] — אז זיי זאלן זיך צוזאמענקלייבן און מוסיף זיין אין דער שיינקייט פון יעדער אידן און אלע אידן, וואס דאס איז דורך דערויף וואס מ׳לעבט דעם טאג־טעגלעכן לעבן לויט דער תורה,

ווי אזוי ווייס מען ווי עס דארף זיין דער לעבן לויט דער תורה — איז דאס דורך דערויף וואס מ׳לערנט תורה, אין אן אופן פון „חדשים״, „היום הזה״ — ווייל דאס איז נוגע צום אופן לעבן היינט, היום הזה ממש.

יב. מען באווייזט (אויך) אז מ׳איז א „סגולה״ פון דעם אויבערשטן, דורך דערויף וואס אין צוגאב צו די מתנות וואס מען האט פריער גערעדט, איז אויך דא די מתנה וואס מ׳האט געגעבן היינט, איצט ממש:

דאס וואס מ׳האט זיך צוזאמענגעקליבן „היום הזה״ ממש אין אן אופן פון „הקהל״, האנשים והנשים והטף, און מ׳האט געלערנט פסוקים און מאמרי חז״ל, און מ׳האט דאס פארבונדן מיט א תפלה, און דערנאך וועט מען אויך טאן גמילות חסדים, צדקה.

וואס דאס זיינען די שלשה דברים שעליהם העולם עומד[35], די דריי עמודים „פילארס״ אויף וועלכע די גאנצע וועלט האלט זיך, דורך דערויף וואס יעדער איד און אלע אידן, האנשים והנשים והטף, טוען די דריי זאכן.

און דורך דערויף וואס מ׳טוט די אלע דריי זאכן „היום הזה״ ממש — טוט מען אויף דעם „את ה׳ האמרת היום להיות לך לאלקים״, מ׳קרוינט דעם אויבערשטן אלס א מלך פון־דאס־ניי, מיט א נייע באגייסטערונג און מיט א נייעם חיות און מיט א נייעם קבלת עול [וואס דאס איז פארבונדן מיט בלאזן שופר וואס איז איצטער געווען, דער ענין פון „יחרדו״, כנ״ל].

יג. וויבאלד אז דער „ה׳ האמרת . . להיות לך לאלקים״ איז געווען „היום הזה״ ממש — איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס דער מלך, דער אויבערשטער, גיט מתנות אין דעם טאג וואס מ׳קרוינט אים (כנ״ל ס״ט), גיט ער זיי אויך היינט, „היום הזה״ ממש.

וואס די מתנות זיינען בפשטות אין די ענינים אין וועלכע מ׳נויטיקט זיך, אנהויבנדיק פון החזרת בי נשמתי — געזונט בגשמיות און געזונט ברוחניות.

ובפרט אז היינט איז דער אפשלוס פון אייער זיין אין די מחנות קיץ, וואס איינער פון די ענינים אויף וועלכע מ׳נוצט אוים דעם זיין אין די מחנות קיץ איז — אויף שטארקן דעם געזונט פון גוף, און צוזאמען דערמיט און דורכדעם[36] קומט מען צו דעם עיקר אויף וואס מ׳נוצט דעם געזונט פון גוף — אז די נשמה זאל זיין נאך שטארקער ווי זי איז געווען פריער —

גיט דער אויבערשטער א מתנה, אז אין דעם אלעם זאל זיין א הצלחה לויט

33) ע״פ ל׳ הכתוב שם יז, ו: עטרת זקנים בני בנים. וראה אבות שם. וראה שיחות הנ״ל.

34) ע״פ ל׳ הכתוב שם יד, א: חכמות נשים בנתה ביתה.

35) אבות פ״א מ״ב.

36) ראה רמב״ם הל׳ דעות רפ״ד: והיות הגוף בריא ושלם מדרכי כו׳

ברכתו של הקב״ה, לויט די ברכה וואס דער אויבערשטער גיט אין דעם.

יד. און וויבאלד אז עס דארף זיין „ואהבת לרעך כמוך״ — העלפט דער אויבערשטער אז יעדערער פון אייך זאל ווירקן אויף אלע אידישע קינדער וואו נאר ער קען זיי געפינען, אז זיי זאלן טאן אין ענינים פון אידישקייט, פון תורה תפלה און צדקה.

דורך דערויף וואס מ׳איז אליין א לעבעדיקער ביישפיל, און אויף די מיט וועלכע מ׳רעדט — דורך דערמאנען וועגן דערויף אין דעם רעדן, און אויף די מיט וועלכע מ׳שרייבט זיך דורך — דורך דערמאנען וועגן דערויף אין די בריוו.

טו. און דורך דערויף וואס מ׳פאר־בינדט זיך דורך תומ״צ מיט אנדערע אידן — ווערט מען אויך פארבונדן מיט אלע אידן פון אלע דורות וואס זיינען געווען און וואס וועלן זיין.

וואס דאס איז דער אמת׳ער ענין פון „שלימות העם״, די גאנצקייט פון דעם גאנצן אידישן פאלק.

און דאס גיט יעדער אידישן קינד א שטארקייט אז ער זאל זיך פירן אין דעם וועג ווי דער אויבערשטער האט אים אנגעוויזן, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע שוועריקייטן,

אפילו ווען ער לעבט אין א שכונה וואו ער איז א מיעוט, ווערט ער דער־פון ניט נתפעל און ער פירט זיך אין דעם וועג,

ער ווייס אז ער איז ניט איינער, ער איז איין זאך צוזאמען מיט אלע אידישע קינדער, און מיט אלע אידן פון אלע דורות,

וואס זיי ווערן איין זאך כביכול מיט דעם אויבערשטן, דורך דערויף וואס ער האט „שלימות התורה״[37]: וויבאלד ער האט באשלאסן „היום הזה״, דעם טאג ממש, אז ער נעמט אויף זיך אן דעם אויבערשטן אלס א מלך, איז זעלבסטפאר־שטענדליך אז ער נעמט אויף זיך אן (דורך דעם) דעם אויבערשטן׳ס תורה בשלימותה.

און דאס ברענגט אויך אין דעם אויבערשטן׳ס מתנות, אז עס זאל זיין „שלימות הארץ״, אז גאנץ ארץ ישראל, ארץ הקודש, זאל זיין בשלימות, ווארום ארץ הקודש האט דער אויבערשטער, דער מלך (בשדה) אפגעגעבן צו אידן, דעם „גוי קדוש״[37], אויף אייביק, און „היום הזה״, היינט, ווערט באנייט די נחלת עולם, די אמת׳ע און אייביקע נחלה, אין אן אופן פון „שלימות הארץ״.

וואס דאס האט אויך א פארבונד מיט דער סדרה פון היום הזה, וואס הויבט זיך אן „והי׳ כי תבוא אל הארץ אשר ה׳ אלקיך נותן לך נחלה וירשתה[38] וישבת בה״ — אז בקרוב ממש[39] גייט יעדערער פון אונז און אלע צוזאמען, האנשים והנשים והטף, אין „שלימות הארץ״, אין דער גאנצער לאנד פון ארץ ישראל, ארץ ישראל לגבולותי׳,

און אין אן אופן פון „ונתתי שלום בארץ״[40], אן אמת׳ער שלום, ווארום ס׳איז ונחתי — לויט דער תורה, לויט דעם שולחן ערוך.

טז. דובר אודות המצב באה״ק.

---

37) יתרו יט, ו.

38) דירושה אין לה הפסק (ב״ב קכט, ב). בעבודה — ראה אוה״ת תבוא (ע׳ ב׳סא).

39) ד״אין והי׳ אלא מיד״ — ספרי ריש פרשתנו. וראה מכתב ח״י אלול התשל״ט בסופו בהערה (נדפס בלקו״ש חי״ט ע׳ 603).

40) בחוקותי כו, ו.

יז. בהמשך להאמור לעיל וועגן דעם ענין פון „ואהבת לרעך כמוך״, און וועגן דעם ענין שהזמן גרמא, וואס מ׳דארף איצטער ספעציעל אונטערשטרייכן, אז מ׳מוז באשיצן אידן בכל מקום שהם, סיי אין חו״ל און סיי אין ארץ ישראל, ווי אפגע׳פסק׳נט אין שו״ע אורח חיים הלכות שבת סימן שכ״ט[41] —

ווען מען מסיים זיין דעם צוזאמענ־קלייבן זיך (פאר דער נתינת הצדקה) דורך מכריז זיין בקול רם: א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, צו יעדער איד און צו אלע אידן, פון „ראשיכם שבטיכם״ ביז „חוטב עציך״ און „שואב מימיך״,

און ח״ו אויסשליסן א אידן און זאגן אויף אים א שווער ווארט, נאר יעדער אידן בענטשט מען מיט א כתיבה וחתימה טובה.

וואס דאס איז אן עיקר גדול בתורה[42], ביז אז דאס איז „כל התורה כולה״[43] — די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך״.

יח. די וואס טראכטן ח״ו זאגן א שווער ווארט אויף א אידן — דארפן וויסן אז א שווער ווארט אויף א אידן איז דאס א שווער ווארט אויף בנו יחידו פון דעם מלך, ווארום יעדער איד איז טייער בא דעם אויבערשטן ווי א בן יחיד[44].

דער מלך בעט און זאגט אז מ׳זאל טאן וואס מ׳קען אז דער איד זאל גיין אין דער ריכטיקער וועג, וואס דאס קען מען אויפטאן דורך דערויף וואס מ׳באווייזט דעם אידן א „פנים שוחקות״ און מ׳איז אים מקבל „בסבר פנים יפות״ [אזוי ווי דער מלך טוט עס בחודש אלול מיט יעדער אידן], און אז מ׳העלפט א אידן ארויס בגשמיות

[ווי דער בעש״ט האט געטאן[45], און האט דורכגעטראטן די וועג פאר אלע אידן און געבעטן און געפאדערט אז יעדערער זאל אזוי טאן וככל יכולתו]

מען באפרייט אים פון פארקוועטש־קייט — עפענט זיך אויך אויף זיין הארץ און מ׳קען אים העלפן און העלפן שנע־לער און בעסער ברוחניות.

יט. אפילו ישעי׳ הנביא, וואס השם האט אים אויסגעקליבן צו זיין א נביא ה׳, ארויפפירן אידן אויפ׳ן דרך השם, האט ער אבער אנגעהויבן[46] פון בודק זיין זיך, ווי איז זיין מעמד ומצב, און ערשט דערנאך האט ער געפרואווט זאגן אויף אידן ניט קיין לייכטן ווארט — און אויך דאס האט מען גלייך שולל געווען,

און ישעי׳ האט דאס פארשריבן בספרו אלס א נבואה ווייל דאס איז א „נבואה שהוצרכה לדורות״[47] —

אויף אידן דארף מען זאגן גוטע ווערטער.

ובפרט אז מ׳געפינט זיך אין חודש אלול מיט דעם מלך בשדה, וואס ער איז „נצב עליו ומלוא כל הארץ כבודו ומביט עליו ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי״[48]: דער אויבערשטער שטייט לעבן יעדער אידן, און זעט ווי אזוי ער

(41 סעיף ו.

(42 תו״כ ופרש״י עה״פ קדושים שם.

(43 שבת לא, א. וראה תניא פל״ב.

(44 בש״ס (הוצאת קה״ת) הוספות אות קלג. וש״נ. ויתירה מזו — „ווי א בן יחיד וואס איז געבארן געווארן ביי עלטערן לעת זקנותם, און נאך טייערער״ (בש״ס שם).

(45 ראה „התמים״ חוברת ב ע׳ מד. וראה לקו״ש ח״א ע׳ 261.

(46 ישעי׳ ו, ה ואילך.

(47 מגילה יד, א.

(48 תניא רפמ״א (מהי״ב פסוקים ומאמרי חז״ל).

רעדט וועגן א צווייטן אידן, און ער איז בוחן דעם זאגער׳ס „כליות ולב״, אם עובדו כראוי, ובנוגע דעם זאגער — כראוי פאר א זאגער וועגן בנו יחידו פון דעם מלך בפני המלך, צי איז דער זאגער אזוי ריין און שלם וראוי און בארעכטיקט, ניט פרעגנדיק בא דעם אויבערשטן, ערלויבן זיך זאגן א שווער ווארט וועגן בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב״ה! ובפני המלך מלכי המלכים הקב״ה!

כ. און בשעת מ׳טראכט זיך אריין אין דעם, איז זיכער אז בא יעדערן וועט נתעורר ווערן כראוי פחד ה׳ הרואה כל מעשיו[49], און ער וועט זיך פירן ווי דער אויבערשטער וויל, וועט מלמד זכות זיין אויף יעדער אידן און אויף אלע אידן,

א איד באווייזט א לעבעדיקן ביי־שפיל, מדה שאדם מודד — ער באווייזט דעם אויבערשטן כביכול א ביישפיל —

איז אויב ער וויל, אז ניט קוקנדיק אויף די אלע זאכן וואס ער דארף נאך פאריכטן בא זיך, זאל ער האבן פון דעם אויבערשטן א „פנים שוחקות״ און א „פנים יפות״, וויבאלד ער זאגט צו אז ער וועט דאס פאריכטן —

באווייזט ער אז אזוי פירט ער זיך מיט אלע אידן וואס זיינען ארום אים.

און דאס איז דער וועג וואס דער אוי־בערשטער האט באוויזן יעדער אידן, און אלע אידן אין אלע דורות, און האט געזאגט אז דאס איז דער דרך החיים,

און גיט כח וסיוע אז עס זאל זיין „ובחרת בחיים״[50], אז מ׳זאל אויסקלייבן דעם לעבעדיקן און ליכטיקן וועג — פון תורה בכלל און פון כלל גדול בתורה במיוחד, צו פירן זיך מיט יעדער אידן אין אן אופן פון „ואהבת לרעך כמוך״,

כולל — ווינטשן יעדער איד און אלע אידן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה.

כא. וויבאלד אז מ׳האט היינט גענומען אויף זיך, אין אן אופן פון „חדשים״ — „את ה׳ האמרת היום להיות לך לאלקים״, אז מ׳האט אנגענומען דעם אויבערשטן פון־דאס־ניי אלס א מלך —

גיט דער אויבערשטער היום, נאך זיי־ענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, מתנות און הנחות, ער גיט היום בני חיי ומזוני רויחי, אלע זאכן אין וואס מ׳נויטיקט זיך.

און מ׳גייט בשמחה וטוב לבב, „בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו״[51], יעדער איד און אלע אידן, און מיט זיי גייען מיט אלע דורות פון אידן וואס זיינען געווען ביז איצטער — מקבל זיין פני משיח צדקנו,

און צוזאמען מיט משיח צדקנו גיין מקיים זיין פון־דאס־ניי, „חדשים״, „כי תבוא אל הארץ גו׳ וירשתה וישבת בה״, מ׳באזעצט זיך אין ארץ ישראל אויף אייביק, גאולה שאין אחרי׳ גלות[52].

און יבנה בית המקדש (השלישי, וואס ער וועט זיין אייביק א בית נצחי[53]), און מקיים זיין דארטן בחג הסוכות הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה די מצוה פון „הקהל את העם האנשים והנשים והטף״.

---

49) תניא פ״ל עיי״ש היטב.

50) נצבים ל, יט.

51) בא י, ט.

52) ראה תודי״ה ה״ג ונאמר — פסחים קטז, ב.

53) ראה זח״א כח, א. ח״ג רכא, א.

און מלך המשיח[54] וועט לייענען די פרשיות בתורה וואס זיי זיינען מזרז אידן אין מצוות און אין דת האמת[55].

וואס דאס וועט זיין אין שנת הקהל הבאה עלינו לטובה — דורך די גאולה האמיתית והשלימה — אחכה לו בכל יום שיבוא — נאך אין דער שנה השביעית. „שבת לה׳״[56] (וועט בדרך ממילא „במוצאי שביעית״ זיין דער מצב פון גאולה האמיתית והשלימה, ווי די גמרא[57] פסק׳נט אפ[58]).

און פון די „כלים״ אויף דערויף איז די הכרזה פון יעדערן פון אייך, אנהויבנדיק פון פי עוללים ויונקים[59], און אלע צוזאמען ובקול רם: א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה צו יעדער איד און צו אלע אידן וואו נאר זיי געפינען זיך,

און גרייטן זיך מקבל זיין פני משיח צדקנו,

אמן כן יהי רצון.

• • •

כב. מיין הצעה און בקשה, בקשה כפולה ובכל לשון של בקשה — אז מ׳זאל מסדר זיין כינוסים, קליינע „הקהל׳ס״ פון קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך (בנפרד), אמווייניקסטנס דריי מאל במשך פון די קומענדיקע טעג,

[באגרינדעט אויף דעם וואס תורת אמת און תורת חיים פסק׳נט, אז „בתלת זימני הוי חזקה״[60], בשעת מ׳טוט א זאך דריי מאל בלייבט דאס דערנאך אויף אייביק]:

איין מאל פאר ראש השנה;

דעם צווייטן מאל אין די עשרת ימי תשובה (פון דער שנה וואס קומט נאך שנת השמיטה — השבתי[61]), די „עשרה ימים שבין ר״ה ליוהכ״פ״[62], וואס אויף זיי זאגט דער אויבערשטער „דרשו ה׳ בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב״[63], דעמולט איז דער אויבערשטער נאענט צו יעדער אידן אפילו צו א יחיד[64];

און דעם דריטן מאל בחג הסוכות, זמן שמחתנו, אין די טעג פון חול המועד.

בא די כינוסים זאלן די קינדער (סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך) טאן (אויך) אין די אלע דריי זאכן, דער „חוט המשולש״[65]: מ׳זאל זאגן לערנען אן ענין אין תורה, מ׳זאל דאס פארבינדן מיט א תפלה, און מ׳זאל דעמולט אויך געבן צדקה.

כג. ההצעה והבקשה — אז די כינוסים זאל מען מאכן סיי אין חוץ לארץ און סיי אין ארץ הקודש.

---

54) שהרי המלך הוא הקורא את הפרשיות — סוטה מא, א. הובא בפרש״י עה״פ וילך שם, יא. רמב״ם הל׳ חגיגה פ״ג ה״ג.

55) רמב״ם שם ה״א (וראה גם שם ה״ו).

56) בהר כה, ב־ד.

57) סנהדרין צז, א. — ד״ל הפי׳ במוצאי שביעית ד„בן דוד בא״ שבת״ר — שלימות ביאתו: אז אהפוך אל עמים גו׳ כולם גו׳ ולעבדו שכם אחד.

58) כיון דשקו״ט אמוראי בת״ר זה.

59) סף — ובפרט ש„מפי עוללים ויונקים יסדת עוז למען צורריך להשבית אויב ומתנקם״ (תהלים ח, ג).

60) ב״מ קו, ב.

61) אותיות תשב — ראה אגה״ת ספ״י. ד״ה לך הוי׳ הצדקה לאדמו״ר הזקן (נדפס בסליחות — קה״ת תשכ״ג).

62) ראה לקו״ש ח״ד ע׳ 1144 ואילך.

63) ישעי׳ נה, ו. ר״ה יח, א. וש״נ. וראה רמב״ם הל׳ תשובה פ״ב ה״ו.

64) ר״ה שם.

65) ל׳ הכתוב — קהלת ד, יב.

אין ארץ הקודש במיוחד, זאל מען מאכן דריי אזעלכע כינוסים אויך באם כותל המערבי, וואס „לעולם אין השכינה זזה מכותל מערבי״[66]:

בא מערת המכפלה, אין חברון, עיר האבות, וואס די מערה והשדה איז געווארן א נחלת עולם צום עם עולם, נאך פון אברהם אבינו או, וואס ער האט דאס אפגעקויפט און ער האט דאס אויפגעהויבן, ווי עס שטייט[67] „ויקם שדה עפרון אשר במכפלה גו׳״, און מקדש געווען;

און אויך בא קבר רחל, וואס זי געפינט זיך אויפן וועג, וואס בשעת אידן וועלן ארויסגיין בקרוב פון גלות וועלן זיי דארטן פארבייגיין, ווי דערציילט אין מדרשי חז״ל[68].

און די כינוסים אין די מקומות המיוחדים הנ״ל אין ארץ הקודש זאלן זיין נוסף אויף די כינוסים וואס וועלן זיין אין יעדער ארט באה״ק וואו מ׳קען דאס נאר מסדר זיין.

כד. די החלטה בנוגע לכל הנ״ל זאל מען מאכן איצטער, „היום הזה״, עכ״פ וואס פריער —

מען בעט אז די אלע וואס האבן זיך משתתף געווען אין היינטיקן כינוס, אדער די וואס וועלן הערן, יעדערער במקומו ובזמנו — זאלן מאכן בהקדם די התחלה בזה, דורך דעם וואס זיי וועלן שוין מחליט זיין וועגן די כינוסים וואס מ׳וועט מאכן לכל הפחות דריי מאל, מיט די פרטים שבדבר, ווי אויס־גערעכנט פריער, וכל המוסיף מוסיפים לו.

און דער דין התורה איז[69], אז בשעת מ׳מאכט א החלטה טובה, א פעסטן און גוטן באשלוס, באקומט מען שוין דע־מאלט (בשעת די החלטה) די תוצאות טובות וואס דארפן דערפון ארויס־קומען.

מ׳האפט דאך און מ׳ווארט אויף משיח צדקנו בכל יום, „אחכה לו בכל יום שיבוא״ — וועט מען אים (משיח) בעטן וכו׳ און זיכער וועט ער מסכים זיין מ׳זאל ממשיך זיין בזה, ובחול המועד סוכות וועט ער דאך זיין דער קורא בתורה פאר כל העם — כולל הטף, הילדים והילדות — וועט זיין אלעס נאכ־מער און העכער און שלא בערך כלל וכלל — וויבאלד אז משיח וועט דאס טאן.

כה. כדאי פארענדיקן דעם היינ־טיקן צוזאמענקלייבן זיך מיט דער הכרזה, אז מ׳בענטשט יעדער אידן או אלע אידן מיט א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה (ווי דערמאנט פריער).

נאך דערויף נאכאמאל איבער׳חזר׳ן[70] דעם פסוק[71] „שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד״, און דעם פסוק[72] „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב״.

---

66) שמו״ר פ״ב, ב. תנחומא באבער שמות י. מדרש תהלים עה״פ יא, ד.

67) חיי שרה כג, יז. ובפרש״י שם: תקומה היתה לה כו׳.

68) זה״א קעה, סע״א.

69) דניאל י, יב. תענית ח, ב. שו״ע או״ח סו״ס תקעא.

70) שהרי זהו בהפסק כו״כ ענינים ביניהם (שו״ע אדה״ז או״ח סס״א סוס״ח — ממג״א שם סק״ז).

71) ואתחנן ו, ד.

72) ברכה לג, ד.

און דערנאך — מסיים וחותם זיין מיט דער מצוה פון צדקה — כל אחד ואחת בתוככי כלל ישראל.

[הכריזו: א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה לנו ולכל ישראל.

אמרו (עוה״פ) את הפסוקים: שמע ישראל גו׳, תורה צוה גו׳.

כ״ק אדמו״ר שליט״א נתן להמנהלים דהמחנות שיחיו מטבעות של עשר סענט לחלק לכל אחד ואחת מהילדים והילדות שתי מטבעות: א׳ לתת לצדקה, והב׳ — לעשות בה כטוב בעיניהם.

טרם צאתו צוה כ״ק אדמו״ר שליט״א לנגן ופרצת].

בס"ד.

קטע מהשיחה לילדי מחנות קיץ "גן ישראל" ו"אכונה" שיחיו
- בביה הכנסת, אחרי תפלת מנחה -
יום ג' פ' תבוא, י"ד אלול ה'תש"מ.

<u>הנחת הת' בלהי מוגה</u>

א. דער ענין פון "ונתתי שלום בארץ"[1], אז עס זאל זיין אן אמת'ער שלום אין ארץ ישראל - קען ניט דערגרייכט ווערן דורך טאן ענינים וואס זיינען היפך התורה.

וואס איינער פון די ענינים איז - צו ח"ו איבערטראכטן ווען מקיים זיין דעם פסק דין אין שלחן ערוך אורח חיים הלכות שבת סימן שכ"ט,

וואס וויבאלד דער דין רעדט זיך ווען <u>שבת</u>, און איז אפגע'פסק'נט געווארן אין הלכות <u>שבת</u> - האט עס א שייכות מיוחדת צו שנה זו, וואס די איז א שנה השביעית, "<u>שבת</u> לה'"[2].

וואס דארטן האט דער אויבערשטער ארויסגעגעבן דעם קלארן פסק דין, אז וואו נאר עס לעבן אידן, סיי אין ארץ הקודש סיי אין חוץ לארץ, און עס קומען אהינצו צוגיין גוים און ווילן זיי שטערן - דארף יעדער איד און אלע אידן שטיין גרייט אויף באשיצן יעדער טייל פון דעם לאנד, און אפילו בשבת איז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללים עליהם את השבת",

און "בעיר הסמוכה לספר" איז "אפילו לא באו אלא על עסקי תבן וקש מחללין עליהם את השבת".

וואס דער דין איז שייך צו יעדער אידן וואו ער זאל נאר זיין און אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל נאר זיין - אז ווען עס קומען צוגיין צו אים גוים און גוי'שקייט, און זיי זאגן אז זיי ווילן ביי אים צונעמען די מנוחת הנפש (די רואיקייט) וואס ער האט, וואס דאס איז פארבונדן מיט לערנען תורה און מקיים זיין מצוות - איז אע"פ וואס זיי זאגן אז זיי קומען מערניט ווי צוליב א קלייניקייט, "תבן וקש" -

זאגט דער אויבערשטער אין א קלארן פס"ד בתורהו, וואס די איז תורת חיים און תורת אמת - אז א איד דארף זיך שטעלן מיט דער גאנצער שטארקייט צו באשיצן אידישקייט,

וואס דאס דארף א איד טאן וואו ער זאל זיך נאר געפינען - סיי אין ארץ ישראל, און אפילו אין חו"ל - דארף ער באכן דעם טייל פון דער מדינה (וואו ער געפינט זיך) - ארץ ישראל, א הייליקן ארט[3].

- ב. -

---

1) בחוקותי כו, ו. 2) בהר כה, ב. 3) ראה פתגם כ"ק אדמו"ר הצ"צ בלקו"ש ח"ב ע' 621. לקו"ש מסעי השל"ו בשוה"ג להע' 48.

ב. און דוקא בשעת מ'פירט זיך לויט ווי תורה זאגט אז מ'דארף זיך פירן - האט מען דעמולט דעם "ונתתי שלום בארץ", און אז מ'פירט זיך אין אן אנדער אופן, ניט ווי תורה זאגט - קען דאס ניט ברענגען צו שלום.

וואס דערפאר איז אפילו אז מ'וויל אפנארן אימעצן, אז דאס וואס מ'באשיצט ניט ארץ ישראל פון גוים, איז מערניט ווי דערפאר וואס דערנאך וועט מען דורך דערויף קענען לעבן בשלום - דארף מען וויסן אז עס קען ניט זיין קיין שלום אן תורת שלום[4],

און אז תורה פסק'נט אפ א קלארן דין, אז ווען גוים קומען שטערן אידן, דארף מען זיך באשיצן פון זיי, אפילו ביום השבת - איז דאס די איינציקע וועג צו ברענגען שלום!

וואס דאס איז א קלארער פס"ד פון תורה פאר יעדער אידן און פאר אלע אידן אין אלע דורות, און א פס"ד אין תורה, וואס "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[5] - קיינער קען ניט בייטן און ענדערן א פס"ד אין תורה, און קיינער וועט דאס ניט בייטן, און וועט דאס ניט קענען מבטל זיין רח"ל, ווארום "דבר אלקינו יקום לעולם"[6] - דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אז זיינע הלכות וועלן שטיין און וועלן זיין אייביק,

וואס דערפאר קען קיינער ניט בייטן א פס"ד אין תורה אפילו אז ער וועט וועלן,

און זיכער וועט דאס קיין איד ניט וועלן טאן, וויבאלד אז דאס איז א בפירוש'ער דין פון דעם מלך מלכי המלכים הקב"ה,

וואס "את ה' האמרת היום להיות לך לאלקים"[7] - היינט האט מען אים געקרוינט פון-דאס-ניי אלס א מלך פאר אלע אידן, און דורך אידן - אלס "מלך העולם", אלס א מלך אויף דער גאנצער וועלט.

ג. און בשעת מ'פירט זיך לויט ווי דער אויבערשטער זאגט אן אין תורה - איז דער אויבערשטער מבטיח, אז "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם"[8], וויבאלד אז מ'וועט מקיים זיין דעם פס"ד הנ"ל - איז א זיכערע זאך אז "ונתתי שלום בארץ", שלום אין ארץ הקודש.

און דאס איז די איינציקע וועג ווי עס וועט זיין דער אמת'ער שלום אין ארץ הקודש, און דער אמת'ער שלום וואו נאר - אידן -

---

4) ראה רמב"ם סוף הל' חנוכה. 5) עיקר הט' מי"ג העיקרים. וראה רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ט. הל' מלכים פי"א סוף ה"ג. פיה"מ סנהדרין פ' חלק יסוד התשיעי. 6) ישעי' מ, ח. 7) פרשתנו כו, יז. 8) בחוקותי כו. ג.



הנחה הת' בלתי מוגה

אידן געפינען זיך, ווארום יעדער איד באכט פון זיין שטוב און פון זיין ארום א הייליקן ארט, דורך דערויף וואס ער לערנט דארטן תורה און איז דארטן מקיים מצוות (כנ"ל).

און "ואולך אתכם קוממיות"[9]: מ׳דערשרעקט זיך ניט פאר גוים און פאר גוי׳שקייט אין די אלע זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט אידישקייט;

און אפילו אין די זאכן וואס זיינען ניט פארבונדן מיט אידישקייט, וואס (דוקא) אין זיי זאגט תורה אז "דינא דמלכותא דינא"[10], אז מ׳דארף מקיים זיין דעם דין המדינה והמלכות - דארף מען דאס אבער מקיים זיין ניט דערפאר וואס די מלכות וויל אזוי, נאר דערפאר וואס די תורה האט אזוי גע׳פסק׳נט, און אין אזא פאל דארף מען מקיים זיין דין המלכות.

ד. און בשעת מ׳פירט זיך אזוי - לעבט מען מיט דעם אמת׳ן בטחון אין דעם אויבערשטן.

און דורך דערויף באווייזט מען אז "את ה׳ האמרת היום להיות לך לאלקים", אז מ׳האט אנגענומען אויף זיך דעם איין און איינציקן מלך, וואס דאס איז דער אויבערשטער,

און דאס וואס מ׳איז מקיים אנדערע אנווייזונגען - איז דאס ניט דערפאר וואס אימעצער האט אנגעשראקן אידן און אימעצער רייצט זיך, נאר מערניט דערפאר וואס דאס איז א דין אין תורה.

ה. ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם פס"ד הנ"ל אין הלכות שבת סימן שכ"ט, אז בשעת גוים ווילן שטערן אידן איז א קלארער פס"ד אז אידן דארפן זיך באשיצן,

און דער דין איז סיי בנוגע צו אידן וואס געפינען זיך אין גלות, אין חו"ל, סיי אין גלות פנימי וואס ער שרעקט זיך פאר א גוי, סיי אין גלות כפשוטו, און סיי בנוגע צו אידן וואס געפינען זיך אין ארץ ישראל - אויב נאר א גוי וויל שטערן א איד, דארף זיך דער איד שטעלן מיטן שטארקסטן תוקף אויף באהיטן זיך און אנדערע אידן,

און דורך דערויף באשיצט ער גאנץ אידישקייט.

ו. וואס דעמולט איז ניט נאר וואס מ׳האט ניט קיינע שוועריקייטן פון גוים, נאר אדרבה - ווי ער זאגט אין דער הפטורה פון היינטיקער סדרה: אפילו ווען "החושך יכסה ארץ"[11],

- ד.ה. -

------------

9) שם, יג. 10) גיטין י, ב. וש"נ. וראה אנציקלופדי׳ תלמודית בערכו ס"ג (ע׳ ש). וש"נ. 11) ישעי׳ ס, ב.

ד.ה. אז ס'איז נאך פאר ביאת משיח צדקנו, און ס'איז נאך דא דער חושך הגלות אין וועלט - איז "עליך יזרח ה'", דער אויבערשטער שיינט אויף יעדער אידן, נאך זייענדיק אין חושך הגלות.

און דוקא דער וועג - אז מ'פירט אויס וואס עס שטייט אין תורה - איז דער איינציקער וועג און דער זיכערער וועג אז עס זאל זיין "ונתתי שלום בארץ":

סיי לויט דעם פירוש הפשוט אין פסוק - שלום אין ארץ הקודש כפשוטו; און אויך לויט דעם פירוש הפנימי אין דעם, אז וויבאלד אז וואו נאר א איד געפינט זיך מאכט ער דארטן עס זאל זיין "ושכנתי בתוכם"[12], א הייליקער ארט (כנ"ל), אז דארטן געפינט זיך דער אויבערשטער, וואס ער האט אים ערשט, "היום", אנגענומען פון-דאס-ניי אלס א מלך - ווערט דורך דערויף "ונתתי שלום בארץ", עס ווערט שלום אין דעם ארט, וויבאלד אז ער האט דארטן געמאכט אז עס זאל זיין "ושכנתי בתוכם".

ועאכו"כ אז ס'ווערט "ונתתי שלום בארץ" אין ארץ הקודש כפשוטה, אז מ'האט א גאנצע ארץ ישראל לגבולותי';

און צוזאמען דערמיט און דורך דערויף האט מען "שלימות התורה", א גאנצע תורה, דורך דערויף וואס מ'איז מקיים אלע אירע מצוות, צי מ'פארשטייט זיי יע צי מ'פארשטייט זיי ח"ו ניט (מאיזו סיבה שתהי'), ביז אז עס ווילט זיך זאגן אנדערש, ח"ו.

און צוזאמען דערמיט האט מען "שלימות העם", אז יעדער איד בלייבט גאנץ מיט זיין אידישער הארץ, און מיט פנימיות הלב, דורך דערויף וואס ער איז גאנץ מיט דער תורה.

ובקרוב ממש זעט מען ווי די אלע דריי שלימות'ן פאראייניקן זיך, דורך דערויף וואס אלע אידן, האנשים והנשים והטף, גייען מיט די מתנות פון תושב"כ, תושבע"פ און מצוות וואס מ'גיט דעם אויבערשטן,

און מ'גייט "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[13] צו מקבל זיין משיח צדקנו, וואס ער וועט ארויסנעמען יעדערן פון אונז, און אלע אידן, פון דער פינסטערקייט פון גלות, און מ'וועט זיך האלטן בא "תורה אור", בא דער ליכטיקער תורה, וואס זי וועט ברענגען צו "נר מצוה"[14], אז מ'זאל מקיים זיין אלע מצוות פון דעם אויבערשטן.

—— * ——

------------

12) הרוכה כה, ח. ודאה של"ה סט, א. ועוד. 13) בא י, ט. 14) משלי ו, כג.



הנחה הת' בלתי מוגה

בס"ד. שיחת ש"פ תבוא, ח"י אלול ה'תש"מ.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. ח"י אלול איז דאך דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים" (בלשון כ"ק מו"ח אדמו"ר[1]), דער בעש"ט (בשנת נח"ח) און דער אלטער רבי (בשנת קה"ת).

די כוונה פון דעם ענין אזוי ווי די כוונה פון אלע ענינים אין תורה, איז - ניט סתם דערציילן און דערמאנען זיך וועגן דעם, און דערמיט אפענדיקן דעם ענין, נאר בכדי אז דערפון זאל ארויסקומען א מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[2].

ב. אין מעשה בפועל גופא זיינען דא תילוקים:

ס'איז אינה בדומה די מעשה בפועל פון "ראשיכם שבטיכם" לגבי די מעשה בפועל פון "חוטב עציך" און "שואב מימיך":

בא "ראשיכם שבטיכם", איז ניטא דער ענין פון מעשה בפשטות, ווי דער דין איז[3] אז א נשיא אדער א ראש אדער אן אב בית-דין טאר ניט זיין קיין חוטב עצים אדער שואב מים וכיו"ב,

נאר בא זיי באשטייט דער ענין פון מעשה, ווי מעשה איז אין תורה גופא: אין נגלה דהורה - דער ענין פון "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא"[4], אז ער לערנט ניט נאר די שקו"ט ופלפול אין תורה, נאר ער קומט אויך צו צו א מסקנא, ווי די הלכה איז בפועל, און אין פנימיות התורה - דער "בכן"[5];

משא"כ בא "חוטב עציך" און "שואב מימיך" איז דער ענין פון מעשה בפועל - בפשטות.

ג. והביאור בזה:

ס'איז ידוע אז עס זיינען דא צוויי סוגים צווישן אידן: דער סוג פון אידן וואס זיינען ווי "יששכר", וואס עיקר ענינם איז לימוד התורה[6], און דער סוג פון אידן וואס זיינען ווי "זבולון"[6], וואס עיקר ענינם איז טאן מיט "סחורה" אין וועלט.

- ד.ה. -

------------

1) סה"ש תש"ג ע' 141 ואילך. 2) אבות פ"א מי"ז. 3) ראה קידושין ע, א. רמב"ם הל' סנהדרין פכ"ה ה"ד. טושו"ע חו"מ ס"ח ס"ד. 4) ראה יומא כו, א. 5) ראה ד"ה ע"כ יאמרו המושלים תרצ"א פ"ח-ט (סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א ואילך). ובכ"מ. 6) ראה ויק"ר פכ"ה, ב. ב"ר פצ"ט, ט. תנחומא ויחי' יא. וראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד.

ד.ה. צו נעמען וועלטישע ענינים, "זהב וכסף ונחושת וגו'" (די אלע י"ג[7] אדער ט"ו[8] דברים פון וועלט), און מאכן דערפון א "משכן" פאר דעם אויבערשטן, וואס דארטן זאל זיין "ושכנתי בתוכם"[9].

און "וכן תעשו"[10] - אזוי אויך מאכן א "מקדש" פאר דעם אויבערשטן [וואס "וכן תעשו" גייט דאך אויף דעם בית ראשון און בית שני, אז מ'זאל זיי מאכן ווי מ'האט געמאכט דעם משכן[11], ביז אז דאס איז אויך כולל דעם בית שלישי (בביאת משיח צדקנו), ווי פארשטאנדיק פון דעם רמב"ם אין הלכות בית הבחירה[12]],

ד.ה. מאכן פון דער וועלט א דירה לו יתברך בתחתונים.

און אע"פ אז בא די וואס עבודתם איז אין קו פון "זבולון", דארף אויך זיין דער ענין פון לימוד התורה, קביעות עתים לתורה "כדת הניתנה לכל אחד ואחד בהלכות תלמוד תורה" (בלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין תניא[13]), לדוגמא - "פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית"[14] -

ס'איז אבער פארשטאנדיק אז ער איז ממלא שליחותו של הקב"ה ניט נאר אין דער רגע ווען ער לערנט תורה בזמן "שחרית" און בזמן "ערבית" (דעם "פרק אחד") - נאר ער איז דאס ממלא בכל היום כולו, אויך ווען ער טוט אין עניני העולם, דורך דערויף וואס ער מאכט פון די עניני העולם א דירה לו ית',

ווארום וויבאלד אז "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני"[15], דארף דאך א איד בארעכטיקן זיין מציאות <u>בכל</u> רגע ורגע, וואס דערפון איז מוכח אז עס דארף ביי אים זיין דער "לשמש את קוני" <u>בכל</u> רגע ורגע מהיום,

וואס דערפאר דארף ביי אים זיין עבודה ניט נאר ווען ער לערנט תורה "פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית" - נאר אויך ווען ער טוט מעשה בפועל, דורך דערויף וואס ער מאכט אויף פון וועלט א דירה לו ית', אז עס זאל זיין "ושכנתי בתוכם", ובלשון הידוע - "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[16].

- ד. -

---

7) שהש"ר פ"ד, יג. זח"ב קמח, א. תנחומא תרומה ה. פרש"י ר"פ תרומה. 8) בחיי וכלי יקר עה"פ תרומה כה, ג. וראה זח"ב קלה, א. 9) תרומה שם, ח. 10) שם, ט. 11) ראה פרש"י עה"פ. וראה סנהדרין טז, ב. שבועות טו, רע"א. 12) ראה שם פ"א ה"ד. 13) פל"ד. 14) מנחות צט, ב. הל' ת"ת לאדה"ז שם. וראה תניא שם. 15) קידושין בסופה ע"פ כת"י וטיקן (ירושלים תשל"ד) מס' 111. וראה יל"ש ירמי' רמז רעו. 16) אבות פ"ב מי"ב.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ד. אע"פ וואס עיקר העבודה פון דעם סוג פון אידן וואס עבודתם איז אין קו פון "יששכר", באשטייט אין לימוד התורה - דארף אבער אויך בא זיי זיין דער ענין פון מעשה, וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר":

נוסף צו די מעשה כפשוטו וואס איז בא זיי דא, וואס דאס איז דער ענין הצדקה וגמילות חסדים, כמרז"ל[17] "כל האומר אין לו אלא תורה אפילו תורה אין לו, אלא תורה וגמילות חסדים",

וואס דאס איז א מעשה בפועל נאר א זמן קצר ביום[18], און וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר", איז פארשטאנדיק אז בכל היום כולו דארף בא זיי אויך זיין דער ענין המעשה -

איז בא זיי אויך דא דער ענין המעשה בכל היום כולו - מעשה ווי דאס איז אין תורה, דער ענין פון "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכהא", כנ"ל.

ה. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אע"פ וואס ס'איז דא דער חילוק הנ"ל צווישן די מעשה בפועל פון "יששכר" מיט די מעשה בפועל פון "זבולון" - איז אבער דא א צד-השוה ביניהם, אז עס מוז זיין דער ענין המעשה בפועל, ווארום "המעשה הוא העיקר".

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד בנוגע צו ח"י אלול:

אויב מ'וויל אויספירן די שליחות פון דעם אויבערשטן בגלוי בקשר מיט דעם ענין פון ח"י אלול, דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים" (אזוי ווי דאס איז אויך בנוגע צו יעדער ענין אין תורה, כנ"ל) - דארף מען דאס אראפברענגען אין דעם עיקר פון אלע ענינים, וואס דאס איז דער ענין המעשה, וואס "המעשה הוא <u>העיקר</u>".

ס'איז טאקע דא א חילוק אין דעם אופן המעשה פון "יששכר" און פון "זבולון"; ס'איז אבער דא דער צד-השוה ביניהם - אז אויב מ'וויל אויספירן די כוונה פון ח"י אלול - דארף מען דאס אראפברענגען אין מעשה בפועל.

ו. לכאורה איז אבער ניט פארשטאנדיק, ווי קען מען זאגן אז פון דעם ענין פון ח"י אלול דארף מען ארויסנעמען א מעשה בפועל:

ח"י אלול איז דאך אן ענין נעלה ומופלא ביותר, כמובן

- לכאו"א -

------------

17) ראה יבמות קט, ב. אגה"ק ס"ה (קח, סע"ב). וראה סה"מ תרפ"ח ע' קג הע' 7. 18) ראה אגה"ק שם (קט, א).

לכאו"א דערפון וואס מ'זאגט אז דעמולט איז דער יום הולדת פון "שני המאורות", וואס דאס מיינט בפשטות אז זיי זיינען די "מאורות" פון כל ישראל בכל הדורות,

און דערנאך איז מען נאך מוסיף "שני המאורות הגדולים", וואס דאס איז דאך ניט סתם א מליצה, נאר דאס איז א לשון פון חכמי האמת, גענומען פון לשון הכתוב[19] אויף דער שמש און לבנה, אז זיי זיינען באשאפן געווארן אלס "שני המאורות הגדולים", ווארום דאס רעדט זיך איידער ס'איז געווען מיעוט הלבנה, וואס דעמולט איז די לבנה געווען אזוי גרויס ווי דער שמש[20].

און אפילו דערנאך ווען די לבנה איז נתמעט געווארן - זיינען דאך אבער דא די וואס ע"י עבודתם זיינען זיי מתקן מיעוט הלבנה, אז די לבנה זאל זיין ווי זי איז געווען קודם המיעוט, און נאך העכער ווי זי איז געווען קודם המיעוט,

[ווי דאס שטייט אויך אין נגלה דתורה: די גמרא[21] זאגט, אז "אמר הקב"ה הביאו כפרה עלי שמיעטתי את הירח", וואס "כפרה" מיינט בפשטות, ניט נאר אז "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר"[22], נאר אז דאס ווישט אפ וואס עס איז געווען פריער, ווי דער רמב"ם[23] זאגט אז דורך תשובה איז "אהוב ונחמד הוא לפני הבורא כאילו לא חטא מעולם", און נאכמער ווי מ'איז געווען איידער מ'האט חוטא געווען].

ונוסף לזה זאגט מען אויך אז ח"י אלול איז דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים",

וואס דאס איז בדוגמת דער יום הולדת פון משה רבינו, וואס "בשעה שנולד משה נתמלא הבית כולו אור"[24], עד"ז בנוגע צו דעם יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים".

ובפרט בנוגע צו דעם יום הולדת פון דעם אלטן רבי'ן, וואס אויף דעם האט דער בעש"ט געזאגט (ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר דערציילט אין די שיחות[25]), אז דאס איז ירידת נשמה חדשה דא למטה אין דעם "בירא עמיקתא"[26], עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, וואס דער תפקיד פון דער נשמה חדשה איז - צו באלייכטן דעם "בירא עמיקתא"[27], אז עס זאל זיין "נתמלא הבית אור".

- וואס -

------------

19) בראשית א, טז. 20) דאה חולין ס, ב. פרש"י עה"פ. 21) חולין שם. הובא בפרש"י עה"פ פינחס כח, טו. 22) אגה"ת רפ"ב. 23) הל' תשובה פ"ז ה"ד. 24) סוטה יב, א. פרש"י עה"פ שמות ב, ב. שמו"ר פ"א, כ. 25) סה"ש תש"ה ע' 127 ואילך. ועוד. 26) ל' חז"ל - חגיגה ה, ב. 27) דאה לקו"ד ח"א פג, ריש ע"א.

וואס דאס איז ארויס נאכמער בהדגשה ובגילוי בשעה דעם ברית מילה פון דעם אלטן רבי'ן, וואס דעמולט איז "תחלת כניסת נפש זו הקדושה" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין שו"ע[28], אין "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא"), און דעמולט איז מען קורא דעם קינד א שם - האט מען דעמולט געגעבן דעם אלטן רבי'ן דעם נאמען "שניאור", ד.ה. אז דעמולט האט זיך דערהערט בגלוי אין וועלט אז דער שם פון דעם אלטן רבי'ן איז "שניאור", וואס תפקידו איז צו באלייכטן די וועלט מיט "אור", און ניט נאר איין מאל "אור", נאר "שני אור"[29], צוויי אורות.

איז בשעת מ'איז זיך מתבונן אין די אלע פרטים וואס זיינען פארבונדן מיט ח"י אלול, דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים", און ווי דאס איז דער יום הולדת פון דעם בעש"ט מיט דעם אלטן רבי'ן צוזאמען [ווי ער איז מקדים אין דער שיחה אז ח"י אלול איז דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים" ביחד (און ערשט דערנאך איז ער מפרט אז פריער איז געווען דער יום הולדה פון דעם בעש"ט בשנת נח"ת, און דערנאך דער יום הולדת פון דעם אלטן רבי'ן בשנת קה"ת)], וואס דאס איז נאכמער מדגיש די הפלאה פון ח"י אלול -

איז לגמרי ניט פארשטאנדיק: וואס פאר א שייכות האט דער ענין נעלה ונפלא פון ח"י אלול מיט מעשה בפועל פון סתם א אידן?!

ז. זאגט מען אים פונקט פארקערט: דערמיט וואס מ'דערציילט וועגן ח"י אלול מיינט מען טאקע אים אליין, און מ'מיינט אז ער זאל טאן א מעשה בפועל!

יעדער איינער וואס האט געלייענט אדער געהערט וועגן דברי הנשיא, אז ח"י אלול איז דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים" - מיינט מען טאקע אים, און מ'מיינט אים אין זיין ענין עיקרי, וואס דאס איז זיין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר".

ד.ה. אז ס'איז א דבר הפשוט אז וויבאלד ער האט געהערט וועגן דעם ענין פון ח"י אלול, איז ניט מספיק אז ער זאל האבן סתם א מחשבה בעלמא וועגן דעם, ועד"ז איז אויך ניט מספיק אז ער זאל האבן א מחשבה טובה, און עס איז אפילו ניט מספיק אז דאס זאל ביי אים אראפקומען אין הבנה והשגה

- לאשורה -

------------

28) או"ח מהדו"ב סוס"ד. 29) ראה יש"ש לגיטין פ"ד סכ"ו (הובא בשוה"ג להחיד"א מע' גדולים סוף אות ש). נעתק בלקו"ש ח"ו ע' 37 הע' 17.

לאשורה על בודיו - נאר עס דארף אדאפקומען אויך אין עיקר שלו, וואס "המעשה הוא העיקר".

וואס דערפאר איז ניט נאר וואס דער ענין נפלא פון ח"י אלול האט א שייכות צו אים - נאר אדרבה: וויבאלד אז ח"י אלול איז אזא ענין עיקרי, דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים" (כנ"ל), און דאס איז איבערגעגעבן געווארן דורך א נשיא וואס ער איז געווען אן עיקר בדורו און בדור שלאחריו - דערפאר דארף דאס אויך האבן א שייכות צו די ענינים עיקריים פון יעדער איינעם וואס ווייסט וועגן דעדויף, וואס דאס איז דער ענין המעשה שלו, "המעשה הוא העיקר".

ח. לכאורה איז דאס אבער ניט פארשטאנדיק:

ווי איז שייך צו זאגן אויף אן ענין אין תורה אז דאס איז אן עיקר - יעדער ענין אין תורה איז דאך אן עיקר?!

וכידוע אז עס זיינען דא אזוינע וואס זיינען זיך מתרעם און קומען מיט טענות אויף דעם וואס מ'זאגט אז עס זיינען דא י"ג עיקרים אין תורה - אז לכאורה איז דאך כל התורה כולה אן עיקר, איז היתכן זאגן אז עס זיינען דא י"ג עיקרים, וואס דאס איז מדגיש אז שאר הענינים אין תורה זיינען ניט קיין ענינים עיקריים ח"ו, וכידוע די תשובה פון דעם החם סופר בזה[30].

און די שאלה ווערט נאך גרעסער לפי השיטה אז עס זיינען דא ג' עיקרים, כמבואר אין ספר העיקרים בארוכה, וואס דאס איז נאכמער מדגיש אז נאר די ג' ענינים זיינען עיקרים משא"כ שאר כל התורה.

אבער אעפ"כ פסק'נט דער רמב"ם[31] (און אויך כמה פוסקים לפניו ולאחריו פסק'נען אזוי), אז עס זיינען פאראן י"ג עיקרים.

און אין דערויף איז גלייך דא די באווארעניש, אז ס'איז ניט דער פירוש אז שאר כל התורה איז ניט קיין עיקר, נאר כל התורה כולה איז אן עיקר, ס'איז מערניט וואס די ענינים זיינען מער עיקר.

און ווי רז"ל[32] זאגן "לא תהא יושב ושוקל מצוותי' של תורה . . קלה שבקלות וחמורה שבחמורות", וואס דאס גופא איז טאקע מדגיש אז עס זיינען פאראן מצוות קלות און מצוות חמורות,

- אבער -

------------

30) יו"ד סשנ"ו. 31) בפיה"מ סנהדרין פ' חלק. 32) ראה תנחומא עקב ב. דב"ר פ"ו, ב. יל"ש יתרו רמז תצ. ועוד.



הנחה הת' בלתי מוגה

אבער לאידך גיסא זאגט מען [33]"הוי זהיר במצוה קלה כבחמורה", והביאור בזה:

חסידות איז מבאר [34]אז מצד רצון איז ניטא קיין התחלקות פון פרטים,

וואס דערפאר איז מצד בחי' הרצון וואס איז דא אין מצוות, "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני" [35]– איז ניטא קיין חילוק צווישן א מצוה קלה מיט א מצוה חמורה.

ט. בנוגע צו ארויסנעמען פון ח"י אלול א הוראה אין מעשה בפועל – קען מען דאך מיינען אז דערצו דארף מען אנקומען צו א לימוד אין דזין דרזין דתורה, אדער אין רזין דתורה, אדער אין אן ענין עמוק ביותר אין נגלה דתורה –

דארף מען וויסן אז די מציאות איז ניט אזוי – ווארום ס'איז היפך שיטת הבעש"ט און היפך שיטת אדה"ז, און היפך די שיטה פון נשיאים ממלאי מקומו ביז כ"ק מו"ח אדמו"ר צו זאגן אז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם יום הולדת פון בעש"ט און פון אלטן רבי'ן איז אן ענין עמוק ביותר וואס איז שייך נאר צו אנשים וואס זיינען שייך צו ענינים עמוקים, און ניט צו אנשים פשוטים,

זייער שיטה איז געווען, אז יעדער ענין און הוראה איז נוגע ניט נאר צו "ראשיכם שבטיכם", נאר אויך צו "חוטב עציך" און "שואב מימיך", צו אנשים פשוטים ביותר.

ביז אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "אתם נצבים היום כולכם"[36], און ווי דער אלטער רבי גיט צו [37]"לאחדים", אז די "ראשיכם שבטיכם" און "חוטב עציך" און "שואב מימיך" שטייען אלע צוזאמען (אין איין ווארט) "כולכם" "לאחדים כאחד".

ובפרט אין דעם איצטיקן זמן, וואס מ'גרייט זיך צו הקהל, וואס דעמולט ווערן אלע אידן שטיין אלס איין קהל, ווי איין מציאות:

ניט נאר ווי "לך כנוס את כל היהודים גו'" [38]וואס איז געווען בא מרדכי היהודי ואסתר המלכה, און ניט נאר ווי "ויקהל משה את כל עדת בני ישראל"[39], וואס אויך דאס איז

- לשון -

------------

33) אבות רפ"ב. 34) ראה לקו"ש חי"ג ס"ע 67 ואילך ובהנסמן שם. 35) תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ ויקרא א, ח. ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ פינחס כח, ח. 36) נצבים כט, ט. 37) בלקו"ת ד"פ נצבים. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1141 ואילך. 38) אסתר ד, טז. 39) ויקהל לה, א.

לשון רבים, ווי מ'לערנט[40] אפ דערפון אז דער אויבערשטער האט געזאגט משה "עשה לי קהילות . . להקהיל קהילות" "קהילות" לשון רבים, ניט אלע אידן ווי איין מציאות -

נאר אין אן אופן פון "הקהל . . האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך"[41], אלע אידן אין איין קהל, איין מציאות[42].

י. די הוראה השוה לכל וואס מ'קען ארויסנעמען פון ח"י אלול, דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים", דער בעש"ט און דער אלטער רבי - ליגט אין "שמו אשר יקראו לו בלה"ק"[43] פון בעל יום ההולדת, וואס דאס איז דאך אן ענין וואס איז שייך צו כאו"א, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", ווארום יעדער איינער ווייסט זייערע נעמען.

יא. אנהויבנדיק פון דעם בעש"ט [וויבאלד אז בהשגחה פרטית איז זיין יום הולדה געווען פאר דעם יום הולדת פון דעם אלטן רבי'ן], וואס שמו איז געווען "ישראל".

דארף מען ארויסנעמען א הוראה פון דעם פירוש אין דעם נאמען "ישראל".

וואס דעם פירוש אין דעם נאמען "ישראל" וואס איז שייך לכאו"א - דארף מען געפינען אין דעם חלק פון הורה וואס הכל כודים בו, און וואס איז שייך לכאו"א, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", וואס דאס איז - תורה שבכתב[44],

וואס תושב"כ ווייסן אלע, ביז אז אפילו איינער וואס לא ידע מאי קאמר, בשעת ער זאגט די ווערטער פון תושב"כ פארשטייט ער בפנימיות וואס דארטן שטייט, ביז אז דאס פועל'ט אויף אים אין מעשה בפועל.

[וואס דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס אפילו איינער וואס לא ידע מאי קאמר איז ער מחוייב מאכן ברכת התורה ווען ער לייענט בתורה[45], דלכאורה: תורה איז דאך מלשון הוראה[46], און בכדי צו ארויסנעמען א הוראה פון תורה דארף מען איר לערנען און פארשטיין וואס מ'לערנט - איז ווי קען מען זאגן אז איינער וואס לא ידע מאי קאמר זאל מאכן א ברכת ההורה אויף תורה בשעת ער פארשטייט ניט וואס דארטן שטייט?!

- איז -

---

40) יל"ש ר"פ ויקהל. שו"ע אדה"ז או"ח סר"צ ס"ג.
41) וילך לא, יב. 42) ראה לקו"ש וילך תשל"ט ס"ד ובהע' 29.
43) לשון אדה"ז בשעהיוה"א פ"א. 44) ראה סנהדרין לג, ב ובפרש"י שם. 45) הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג סוס"ב. 46) זח"ג נג, ב.

איז דערפון גופא (וואס ער איז מחוייב צו מאכן א ברכה אויף תורה כאטש אז לא ידע מאי קאמר) א הוכחה, אז בפנימיות פארשטייט ער טאקע יע וואס עס שטייט אין תורה, און וויבאלד אז "תלמוד גדול שמביא לידי מעשה"[47] - איז אזוי אויך בענין זה, אז די קריאה בתושב"כ פועל'ט אויף אים בענין עיקרי שלו - דער ענין המעשה].

וואס דערפאר דארף מען זוכן דעם פירוש אין דעם נאמען "ישראל" אין תורה שבכתב.

יב. דער טייטש פון דעם נאמען "ישראל" געפינט מען אין א פירוש'ן פסוק אין תושב"כ[48]: "ישראל" איז על שם "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל".

וואס אין דעם פסוק גופא זיינען דא א ריבוי פירושים, ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל[49] אז וויבאלד עס זיינען דא ששים ריבוא נשמות, דערפאר זיינען דא אין יעדער פסוק אין תורה ששים ריבוא פירושים אין חלק הפשט שבפסוק, ששים ריבוא פירושים אין חלק הרמז שבפסוק, ששים ריבוא פירושים אין חלק הדרוש שבפסוק, און ששים ריבוא פירושים אין חלק הסוד שבפסוק,

[און ווי עס ברייננגט זיך פון מגלה עמוקות[50] אז "ישראל" איז ר"ת יש ששים ריבוא אותיות לתורה", און יעדער איד (פון די ששים ריבוא (נשמות כלליות[51]) ישראל) איז כנגד איין אות אין תורה];

די אלע פירושים אין פסוק זיינען אבער ניט שייך צו אלע אידן בשוה; דער פירוש וועלכער איז שייך לכאו"א איז - דער פירוש הפשוט, אין חלק הפשט שבתורה, וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[52].

אין פשט גופא זיינען אבער אויך דא כמה דרגות: ס'איז דא דער חלק ההלכה אין פשט, וואס דאס איז אויך ניט שייך לכאו"א מישראל, דאס איז שייך נאר צו איינעם וואס איז א "בן עשר שנים למשנה" אדער א "בן חמש עשרה לגמרא"[53] און עלטער;

דערנאך איז דא דער חלק הפשט וואס איז שייך אויך צו א בן חמש למקרא, וואס דאס איז דער פירוש הפשוט אין פסוק.

יג. דער פירוש הפשוט אין "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל" -

---

47) קידושין מ, ב. 48) וישלח לב, כט. 49) שער הגלגולים הקדמה יז. שער רוה"ק (קח, ב). לקוטי מהרח"ו שבסוף שער מאמרי רז"ל. 50) אופן קפו. 51) תניא פל"ז (מח, א). 52) שבת סג, א. וש"נ. 53) אבות ספ"ה.



הנחה הת' בלתי מוגה

ותוכל" (וואס איז שייך אפילו צו א בן חמש למקרא), איז:

אז ער האט מלחמה מיט "אלקים" און מיט "אנשים", וואס דאס זיינען צוויי סוגים וואס זיינען כולל אין זיך אלע ענינים: "אלקים" - וואס דאס גייט אויף די מלאכים[54] ווי עס שטייט[55] "אלקי האלקים", און "אלקים" איז אויך (ווי ער טייטשט אפ אין שו"ע[56]) - "בעל היכולת ובעל הכחות כולם", וואס דאס איז כולל אין זיך גאנץ סדר ההשתלשלות, און "אנשים", וואס דאס גייט אויף עשו און לבן[57].

און די מלחמה איז אין אן אופן פון "שרית": ניט אין אן אופן פון "כי תצא למלחמה", נאר אין אן אופן פון "שרית", אז ער איז א בעה"ב און א שר[58] אויף דעם מיט וועמען ער האלט מלחמה, ע"ד ווי (ער איז דעדנאך ממשיך דארטן אין פסוק[59]) "(כי תצא למלחמה) על אויביך", ניט "עם אויביך", נאר "על אויביך", אז ער איז העכער פון "אויביך"[60],

און דעמולט ווערט "ותוכל", אז ער איז מנצח די מלחמה, ע"ד ווי (ער איז דאדטן ממשיך) "ונתנו ה' אלקיך בידך".

יד. וואס דער חידוש אין דעם פסוק איז אין צוויי ענינים (איינער העכער פאר דעם צווייטן): ערשטנ'ס אז ביי אים איז דא דער "שדית", אז ביי אים איז דא די מלחמה אין אן אופן פון "שרית", וואס דאס גופא איז אויך אן עבודה.

ובדוגמא ווי דער דין איז בנוגע צו בדיקת חמץ[61], אז די עצם זאך וואס ער איז מחפש דעם חמץ - איז א מצוה, וואס דערפאר מאכט ער די ברכה אויף דער מצוה איידער ער גייט זוכן דעם חמץ, איידער ער ווייסט נאך צי ער וועט געפינען חמץ - ווארום די עצם זאך פון זוכן דעם חמץ איז א מצוה, און אויף דערויף מאכט ער די ברכה.

און אע"פ אז מ'לייגט היינט עשרה פתיתים פון חמץ פאר דער בדיקה[62] - רעדט מען אבער איידער ס'איז געווארן דער מנהג צו לייגן די עשרה פתיתים, אדער אין א פאל וואס מאיזה סיבה שהה' וויל ער ניט (אדער ער קען ניט) לייגן עשרה פתיתים, וואס אויך אין די פאלן מאכט ער א ברכה איידער ער גייט זוכן דעם חמץ, ניט ווי סנדיק צי ער וועט געפינען חמץ

- ווארום -

---

54) ראה ב"ד פע"ח, ג. היב"ע עה"פ. 55) עקב י, יז. תהלים קלו, ב. אגה"ת פ"ד (צד, א). 56) או"ח ס"ה. 57) פרש"י עה"פ. 58) ראה חולין צב, דע"א. 59) ר"פ תצא. 60) לקו"ת תצא לו, רע"א. 61) שו"ע אדה"ז או"ח סתל"ב סי"א. ובהנסמן ב"מ"מ וציונים" שם. 62) מ"ח מס' ניסן פ"א מ"ב. סידור האריז"ל במקומו.

- ווארום די עצם זאך פון זוכן דעם חמץ איז א מצוה.

ועוד ועיקר: אז אפילו ווען ער לייגט די עשרה פתיתים, איז דאך אבער דער עיקר מצוה פון בדיקת חמץ ניט אויף די עשרה פתיתים, נאר אויף שאר החמץ וואס ער זוכט, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם וואס דער לימוד אין גמרא[63] חיפוש מחיפוש וחיפוש מנרות ונרות מנר - אז עס דארף זיין חיפוש לאור הנר, וואס דאס איז ניט שייך בנוגע צו די עשרה פתיתים וואס ער לייגט פון פריער, ווארום זיי דארף ער ניט זוכן, וויבאלד אז ער אליין האט זיי אוועקגעלייגט, במילא ווייסט ער וואו זיי זיינען.

וואס בדוגמא לזה איז בנדו"ד: דער ענין פון ארויסגיין למלחמה (אין אן אופן פון "שרית") אפילו אויב מ'ווייסט ניט צי עס וועט זיין "ותוכל" - איז אויך אן עבודה.

דערנאך קומט צו דער צווייטער חידוש, אז "ותוכל" - ניט נאר וואס ער גייט ארויס למלחמה, נאר ער קומט-ביי די אויבים, און ער איז מנצח די מלחמה.

וואס בשעת מ'גייט ארויס צו דער מלחמה ווייסנדיק אז סוף סוף וועט זיין "ותוכל" - איז דעמולט די עבודה אינגאנצן ניט אן אנדער חיות.

טו. און דאס איז דער ענין און עבודה וואס ליגט אין דעם נאמען פון דעם בעש"ט - "ישראל".

און דער נאמען פועל'ט און גיט א נתינת כח לכאו"א בעבודתו בעולם הזה,

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער גאנצער ענין פון א שם איז ניט שייך אויף דער נשמה ווי זי איז למעלה[64],

און אפילו ביי אן עובר איז אויך ניט שייך דער ענין פון א שם,

וואס אויך אן עובר האט א נפש, כמובן בפשטות, ווארום יעדער דבר גשם וואס איז חי מוז האבן א נפש וואס איז אים מחי',

און אע"פ אז "עובר ירך אמו הוא"[65] - מוז ער אבער פארט האבן א נפש וואס איז אים מחי', ובפרט לויט דעם וואס די גמרא[66] זאגט אז בשעת דער ולד געפינט זיך נאך "במעי אמו"

- איז -

---

63) פסחים ז, ב. 64) לקו"ת בהר מא, ג. בלק סז, ג. אוה"ת שמות ע' קג ואילך. 65) חולין נח, א. וש"נ. 66) נדה ל, ב.

איז "מלמדין אותו כל התורה כולה", וואס לימוד התורה איז דאך בעיקר מיט דער נשמה;

ערשט ווען דער ולד איז יוצא לאויר העולם, און ער איז פועל בעולם - דעמולט גיט מען אים א שם, ווארום דער שם טוט אויף היבור הנשמה עם הגוף[67], וואס דערצו דארף מען בעיקר אנקומען בשעת דער ולד איז יוצא לאויר העולם,

וואס דערפאר גיט מען דעם נאמען ביי א זכר בשעת דעם ברית (כנ"ל), ווארום דעמולט איז "תחלת כניסת נפש זו הקדושה", ובמילא זיינען די נשמה און דער גוף דעמולט מוכן צו מקבל זיין א שם וואס זאל זיי מחבר זיין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק פארוואס דער שם "ישראל" פועל'ט אויף עבודת כאו"א בעולם, ווארום דער שם איז אן ענין וואס איז נוגע דוקא באויר העולם, און דוקא דארטן פועל'ט ער.

טז. די שייכות פון דעם נאמען פון דעם בעש"ט, "ישראל", און וואס דאס באדייט ("שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל") צו עבודת כאו"א - איז:

דער בעש"ט איז דאך געווען א רועה ישראל, וואס אויף רועי ישראל שטייט[68] אז "לא יפרדו מעל צאן מרעיהם", וואס דערפאר איז אפילו אז מ'האלט איצטער כמה דורות נאך דעם בעש"ט - אעפ"כ איז דער בעש"ט דער רועה ישראל פון אלע אידן אין היינטיקן דור.

נאכמער: ער איז ניט נאר א רועה ישראל וואס פירט אן מיט אידן מבחוץ פון זיי - נאר ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[69] בנוגע צו משה רבינו, דער רעיא מהימנא, אז אין יעדן אידן איז דא בחי' משה רבינו, ביז אז ער ווערט מיט אים איין זאך, עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם בעש"ט, אז בחינהו, "ישראל", איז דא אין יעדן אידן, וואס דאס ווערט איין זאך מיט דעם אידן.

און דער "ישראל" וואס איז דא בכאו"א מישראל, איז דער ענין פון "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל" וואס איז דא אין יעדן אידן - דאס גיט כח און די הבטחה צו יעדן אידן אז ער זאל קענען ארויסגיין אין מלחמה, און אין אן אופן פון "שרית", אז ער איז בעה"ב און א שר אויף די מיט וועמען ער האלט מלחמה,

- און -

------------

67) לקו"ת בהר שם. 68) במכתב כ"ק אדמו"ר הריי"צ - נדפס בספר חכמי ישראל (נ.י. הרפ"ד) לג, א. 69) רפמ"ב.

און נאכמער - אז עס וועט זיין "והוכל": ניט נאר וואס מ'קען מלחמה האבן, נאר מ'וועט מלחמה האבן און כ'וועט זיכער מנצח זיין, ווארום "לא ידח ממנו נדח"[70].

וואס דערפאר, איז אפילו אויב דער איד איז פון סוג פון "יושבי אוהל", וואס ער לערנט תורה, ובמילא ווייסט ער ניט ווי צו מלחמה האבן, און ער ווייסט ניט קיין תכסיסי מלחמה וכו', ועד"ז אויב ער איז פון דעם סוג פון "חוטב עציך" און "שואב מימיך", וואס אויך זיי האבן קיין שייכות ניט צו מלחמה - איז אבער מצד דערויף וואס כאו"א מישראל האט דעם "ישראל" אין אים, האט ער דעם כח און די הבטחה אז ער וועט קענען מלחמה האבן, און אויך די הבטחה אז ער וועט זיכער מנצח זיין די מלחמה, "והוכל".

און מצד דער הבטחה אז ער וועט זיכער מנצח זיין - ווערט ער שוין אנגערופן בשם "ישראל" נאך פאר דער מלחמה און נצחון המלחמה.

יז. עפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס די גמרא זאגט אין מסכת סנהדרין[71], אז "אע"פ שחטא ישראל הוא".

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: אלע עניני תורה זיינען דאך בתכלית הדיוק, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס מ'רופט אן א אידן בשם "ישראל", איז דאס ניט נאר דערפאר וואס ער איז א איד, נאר אז דא איז נוגע אויך דער דיוק אז ער ווערט אנגערופן מיטן נאמען "ישראל" און ניט קיין אנדער נאמען - איז ניט פארשטאנדיק:

מ'געפינט בכ"מ אז אידן ווערן אנגערופן בשם "יעקב",

און וויבאלד אז דא אין גמרא רעדט זיך וועגן א איד וואס האט חוטא געווען, וואלט לכאורה געווען מער מתאים צו זאגן "אע"פ שחטא יעקב הוא", און ניט "ישראל הוא" - ווארום "יעקב" איז דאך דער נאמען וואס מ'האט אים געגעבן בשעת לידהו[72], משא"כ דער נאמען "ישראל" איז ערשט צוגעקומען שפעטער נאך דערויף וואס ביי אים איז געווען דער "שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל", כפשטות הכתובים,

און ביי איינעם וואס האט חוטא געווען, איז דאך ניטא דער ענין פון "שרית עם אלקים ועם אנשים והוכל" - האט מען אים געדארפט אנרופן ניט "ישראל", "אע"פ שחטא ישראל הוא", נאר "יעקב", "אע"פ שחטא יעקב הוא"?

- ע"פ -

------------

70) ע"פ ל' הכתוב ש"ב יד, יד. וראה תניא ספל"ט. הל' ה"ת לאדה"ז פ"ד סוס"ג. 71) מד, רע"א. 72) תולדות כה, כו.

ע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק: יעדער איד גלייך ווען ער ווערט געבארן האט ער אין זיך דעם ענין פון "ישראל", און דאס איז דער עיקר און הכלית און עצם שלו.

אין עבודה בפועל, דארף מען טאקע גיין מן הקל אל הכבד, צעד אחר צעד, "לאט לאט אגרשנו"[73], וואס דערפאר האט ער פריער געהייסן "יעקב", און דערנאך, ווען ביי אים איז צוגעקומען בעבודתו דער ענין פון "שריה עם אלקים ועם אנשים ותוכל", איז ביי אים צוגעקומען דער נאמען "ישראל";

בעצם אבער איז יעדער איד - "ישראל", אפילו איידער ער טוט עבודהו, ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז סוף סוף וועט ער טאן די עבודה פון "שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל".

ביז אז אפילו עכן, וואס ביי אים איז געווען א ירידה הכי גדולה, כמובן דערפון וואס ער האט עובר געווען אויף המשה חדמים[74], ווערט ער אויך אנגערופן "ישראל", און אויף אים זאגט די גמרא דארטן אז "אע"פ שחטא ישראל הוא".

יח. וואס דאס איז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס ח"י אלול איז דער יום הולדת פון דעם בעש"ט:

דער ענין פון ארויסגיין און האלטן מלחמה - איז דא בכל הזמנים;

בשעת עס קומט אבער דער יום בסוים פון ח"י אלול איז דאס נאכמער בהדגשה, און מ'האט נאכמער היות דאס אויפצוטאן - וויבאלד אז דעמולט האט מען די הדגשה אז אין יעדן אידן איז דא "ישראל", וואס מצד דעם איז בא יעדן אידן דא דער ענין פון "שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל".

וואס דערפאר, איז אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן א אידן וואס וויל אפנארן אדער אים דוכט זיך און ער שרייט און טומל'ט אז דער נאמען "ישראל" איז ביי אים מערניט ווי א כינוי ("בשם ישראל יכונה"[75]), וואס באמת איז דאס (וואס ער שרייט) גאר א באווייז אז זיין מהות איז "ישראל", און וויבאלד אז ער פילט דאס, דערפאר וויל ער זיך אליין פארטומלען בכדי צו מעלים זיין אויף דעם "ישראל" וואס איז אין אים דא, און דערפאר שרייט ער אז ביי אים איז "שם ישראל יכונה" -

דארף ער וויסן, אז דער בעש"ט, "ישראל", איז בהוכו,

- און -

---

73) משפטים כג, ל. 74) סנהדרין שם (כג, ב). 75) לשון כ"ק אדמו"ר הריי"ץ במכתבו - נדפס בסה"מ הרפ"ח ע' קכו. תש"ה ע' 263.



הנחה הת' בלתי מוגה

און ניט אז ער ("ישראל") געפינט זיך אין רקיע השביעי און פון דארטן פירט ער מיט אים אן - נאר ער איז אין אים און איין זאך מיט אים - ער איז זייך עצם וכהות, און אפילו אויב ער האט עובר געווען אויף א חטא, איז "אע"פ שחטא ישראל הוא".

און אין וואס באשטייט דער "ישראל" אין יעדן אידן - און דעם וואס בא יעדן אידן איז דא ביכולת עס זאל זיין דער עניין פון "שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל".

יט. און דאס איז א הוראה לכאו"א מישראל, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", בשוה - ווארום מצד דעם עצם פון אידן, כצד דעם "ישראל" אין אידן, זיינען אלע אידן גלייך, אע"פ וואס בחיצוניות זיינען זיי (בכמה ענינים) ניט גלייך איינער צו דעם אנדערן.

וואס אויף דערויף איז דא א פשוט'ער משל:

אין די אברי הגוף זיינען דא כמה חילוקים: דער אבר איז אן איידעלער אבר, דער אבר איז א שוואכערער אבר, דער אבר איז מער שייך לשכל וכיו"ב;

משא"כ אין חיות הגוף איז ניטא קיין חילוק צווישן דעם חיות פון איין אבר מיט דעם חיות פון א צווייטן אבר - נקודה החיות איז בשוה אין דעם גאנצן גוף, ס'איז איין לעבעדיקער גוף, ביז אז אפילו אין עקב שברגל איז דא דער זעלבער חיות ווי אין ראש האדם,

וואס אע"פ אז דער עקב שברגל ווערט אנגערופן "מלאך המות" שבאדם[76], וויבאלד אז דער חיות איז דארטן בהעלם[77] - זעם מען אבער אז ווען מ'גיט דעם עקב שברגל א שטאך מיט א נאָדל פילט ער דאס, ווארום דארטן איז אויך דא חיות.

ווען מ'פרעגט א קליין-קינד צי דער עקב שברגל איז א חלק פון אים פונקט אזוי ווי שאר כל הגוף, אז דאס איז א חלק פון איין לעבעדיקן גוף - וועט ער ניט פארשטיין פארוואס ס'איז דא א מקום לספק בזה, ווארום ער ווייסט און ער פילט בפשטות בא זיך אז מצד דעם חיות הגוף איז דער גאנצער גוף בשוה;

ווען ער ווערט עלטער ווייסט ער אז אין הלכה איז פאראן א חילוק צי דער אבר איז אן "אבר שהנשמה תלוי' בו" אדער ניט[78] - אבער אין פשטות העניין איז דער חיות בשוה אין דעם גאנצן גוף.

- ועד"ז -

---

76) אדר"נ ספל"א. 77) ראה לקו"ש תבוא תשל"ז ס"ח בתחלתו. 78) כתובות מו, א. ערכין כ, א. ובארוכה - אנציקלופדי' תלמודיה בערכו. וש"נ.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דער עצם פון יעדער איד, דער "ישראל" וואס איז דא אין יעדן אידן - אז דאס איז בכולם בשוה.

כ. והמעשה הוא העיקר:

עס דארף זיין דער "כי תצא למלחמה על אויביך", אז מ'דארף ארויסגיין למלחמה, און דער ענין פון "שרית", ניט נתפעל ווערן פון "אויביך", וויבאלד אז מ'שטייט העכער פאר זיי, "על אויביך", און דאס מיינט מען יעדער איינעם כפשוטו ע"ד ווי ס'איז געווען בא מ"ת אז די עשרת הדברות זיינען געזאגט געווארן צו יעדן אידן אלס א יחיד - "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים גו' לא יהי' לך גו'"[79], לשון יחיד[80].

און דעמולט איז מען פארזיכערט אז "ונתנו ה' אלקיך בידך", אז עס וועט זיין "ותוכל", און אין אן אופן פון "ונתנו ה'",

ביז אין אן אופן אז די אויבים אליין וועלן נהפך ווערן און משבח זיין אידן, ע"ד ווי דער מלאך וואס האט מלחמה געהאט מיט יעקב, איז דער וואס האט אים געגעבן דעם נאמען "ישראל", "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל".

מ'דארף נאך אבער פארשטיין: אויב ס'איז א זיכערע זאך אז עס וועט זיין "ונתנו ה' אלקיך בידך" - היינט פארוואס דארף מען מלכתחלה ארויסגיין למלחמה?

איז די הסברה בזה, אז דער אויבערשטער האט געוואלט עס זאל זיין "ונתנו ה' אלקיך בידך", אז עס זאל זיין דער "קב שלו"[81], "ידך", און דעמולט פארזיכערט דער אויבערשטער אז מ'וועט אויך באקומען די תשעה קבין און עשרה קבין, אז עס וועט זיין "ונתנו ה' אלקיך בידך", און אין אן אופן פון "ונהנו", וואס "כל הנותן בעין יפה נותן"[82].

כא. דערנאך איז דא דער צווייטער פירוש אין "ישראל"[83] - אותיות "שיר א-ל" [וואס דאס איז טאקע ניט קיין פירוש אין "ישראל" וואס שטייט אין הושב"כ, ווי דער ערשטער פירוש ("כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל") - אבער אעפ"כ איז דאס אויך א פירוש אין דעם נאמען].

וואס דאס גיט-צו נאך א נקודה אין דער הוראה הנ"ל -

- אז -

---

79) יתרו כ, ב-ג. 80) פכדר"כ בחודש השלישי (הוצאת באבער - קי, א). יל"ש עה"פ (רמז רפו). 81) ראה ב"מ לח, א. 82) ראה ב"ב נג, א. ובכ"מ. 83) ראה לקו"ת שלח מח, ד. בלק עב, ג-ד. ובכ"מ.

אז דער "כי תצא למלחמה" דארף זיין מיט א שירה של שמחה, מיט א מארש של נצחון[84], וואס בשעת מ'גייט למלחמה מיט א מארש של נצחון און מיט א שמחה, אז מ'איז זיכער אז מ'וועט מנצח זיין די מלחמה - איז דאס גופא פארגרעסערט און פארשנעלערט דעם נצחון בפועל.

ובפרט אז מ'שטייט אין ח"י אלול, וואס אין דער שיחה פון הש"ג (הנ"ל) האט כ"ק מו"ח אדמו"ר מגלה געווען אז זיין פאטער [וואס "הרב קרוי אב" און "התלמידים קרוים בנים"[85]] האט מיט פופציק יאר פאר דערויף (בשנת תרנ"ג) אים געזאגט בח"י אלול "גוט יום טוב",

[דעמולט האט ער אים געזאגט "גוט יום טוב אונז", וויבאלד אז קיין אנדערע האבן דערפון נאך דעמולט ניט געוואוסט; אבער נאך דערויף וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דאס מגלה געווען, איז דאס געווארן "גוט יום טוב" פאר אלע אידן],

וואס דער ענין פון יו"ט איז - "מועדים לשמחה", דארף מען דאך זיין ח"י אלול בשמחה.

ובמילא איז דאס נאכמער מדגיש דעם ענין פון "שיר א-ל" וואס דארף זיין בשעת מ'גייט למלחמה.

ובפרט נאך אז דער בעש"ט האט במיוחד געמאנט דעם ענין פון "עברו את ה' בשמחה"[86].

כב. און דערפון קומט מען צו דעם וואס עס שטייט בהתחלת פרשתנו - וואס זי איז די פרשה וואס איז חל בח"י אלול (בקביעות שנה זו) (און בשנים אחרות איז זי בסמיכות צו ח"י אלול) - "והי' כי תבוא אל הארץ גו'", וואס "כל מקום שנאמר והי' איננו אלא שמחה"[87], און "אין והי' אלא מיד" [88]-

אז "מיד" ומתוך שמחה ווערט דער "תבוא אל הארץ אשר ה' אלקיך נותן לך נחלה וירשתה וישבת בה", ווי דער בעש"ט טייטשט דאס[89]: "והי' כי תבוא אל הארץ - אז דו וועסט צוקומען צו דעם רצון ומרוצה", צו דער ארץ "שרצתה לעשות רצון קונה"[90], "דארף זיין די עבודה אין דעם, וישבת בה - דאס זאל זיין בהתיישבות".

און מ'זאל טאן אין אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב,

- "כל" -

---

84) ראה סה"ש תש"ה ע' 59. 85) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז. 86) תהלים ק, ב. 87) ב"ר פמ"ב ג. ובכ"מ. נתבאר בלקו"ת ראה ל, ד. ובכ"מ. וראה או"ת להה"מ ריש פרשתנו. 88) ספרי ריש פרשתנו. 89) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות ג. "היום יום" ע' פח. 90) ב"ר פ"ה, ח.

"כל מקום שנאמר והי' אינו אלא שמחה", ובפרט אין דעם עניין שהזמן גרמא – יפוצו מעינותיך חוצה, וואס דאס וועט ברענגען צו "אתי מר" דא מלכא משיחא[91].

ביז אז עס וועט ווערט דער "והי' כי תבוא אל הארץ גו' וירשתה וישבת בה", אין ארץ ישראל כפשוטה,

און מ'ברענגט די ביכורים פון די שבעת המינים שנשתבחה בהם ארץ ישראל (ווי רש"י[92] זאגט פון מדרשי חז"ל),

בביה המקדש השלישי, "מקדש אד' כוננו ידיך"[93].

* * *

כג. ח"י אלול איז אויך דער יום הולדת פון דעם צווייטן "מאור הגדול", דער אלטער רבי.

וואס אויך דערפון דארף זיין א הוראה לכאו"א, און א הוראה וואס איז מובן בפשטות און איז שוה לכל, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך".

וואס דערפאר דארף מען אויך אין דעם עניין ארויסנעמען די הוראה פון "שמו אשר יקראו לו (דעם אלטן רבי'ן) בלה"ק", וואס דאס איז שייך לכאו"א צו פארשטיין, ווי גערעדט פריער (ס"י–יא) בנוגע צו דעם בעש"ט.

ובנוגע צו דעם אלטן רבי'ן איז נאכמער בהדגשה דער עניין פון "שמו אשר יקראו לו בלה"ק", ווייבאלד אז ער האט צוויי נעמען, וואס איינער איז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" און דער צווייטער איז "שמו אשר יקראו לו" בלע"ז[94] (ניט בלה"ק).

וואס אויך דער צווייטער נאמען האט א שייכות צו דעם אלטן רבי'ן, ביז אז דער נאמען איז עניינו פון דעם אלטן רבי'ן פונקט אזוי ווי דער ערשטער נאמען,

נאכמער: די צוויי נעמען זיינען ניט ווי צוויי נעמען פון צוויי באזונדערע מענטשן, אדער אפילו פון דעם זעלבן מענטש ווי ער געפינט זיך אין צוויי באזונדערע מעמדים ומצבים – נאר דאס איז איין נאמען פון איין מענטש, ווי עס קומט דערפון אויך ארויס א נפק"מ אין הלכה[95], צי מ'קען שרייבן די צוויי נעמען אויף צוויי באזונדערע שורות אין א גט,

– ובמילא –

---

91) אגרה הבעש"ט – נדפסה גם בריש ספר כש"ט (הוצאה הנ"ל). 92) פרשתנו כו, ב. 93) בשלח טו, יז. וראה בהנסמן בלקו"ש חי"א ע' 185 הע' 39. 94) ראה ב"ש שמות אנשים בערכו. 95) ראה שד"ח אסיפת דינים מע' גט ס"ה סק"ט.

ובמילא איז פארשטאנדיק אז פון די צוויי נעמען דארף זיין איין הוראה.

אעפ"כ איז אבער "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" זיין ערשטער נאמען.

כד. "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" פון דעם אלטן רבי׳ן איז - "שניאור".

און ווי גערעדט אמאל בארוכה[96], אז דער נאמען שטאמט פון צוויי נעמען: עס איז געווען איינער וואס שם אביו איז געווען "מאיר" און שם אבי אשתו - "אורי", און זיי (די עלטערן) האבן געוואלט אנרופן זייער זון מיט די נעמען פון ביידע זיידעס, האט מען מחבר געווען די צוויי נעמען און אים אנגערופן מיט דעם נאמען "שני-אור", ד.ה. שני אור - מאיר אורי,

[וואס אויף דערויף איז דאך די שאלה, אז מ׳געפינט דאך דעם נאמען "שניאור" אויך פאר דערויף, ווי גערעדט דעמולט].

עכ"פ - בא דעם אלטן רבי׳ן איז דאס זיכער געווען איין נאמען, און נאכמער - אייןווארט - "שניאור".

כה. "שניאור" איז בפשטות דער טייטש ב׳ פעמים אור[97], ד.ה. אז דער נאמען "שניאור" באווייזט אויף דעם הוכן פון דעם ענין פון אור.

וואס דער ענין פון אור איז, ניט א זאך וואס באשאפט - נאר ער באלייכט דעם ארום, ער באווייזט וואס עס טוט זיך:

פאר דעם וואס עס איז דא דער ענין פון אור זיינען אויך דא זאכן, א חדר מלא רהיטים, א בית מלא עניינים, אן עולם מלא פון כל מיני דברים - ס׳איז אבער חושך, מ׳זעט ניט וואס איז וואס און וואו איז וואו, מ׳טאפט ארום און מ׳ווייסט ניט וואס עס טוט זיך ארום זיך;

בשעת ס׳איז אבער דא אור ווערט ניט נשתנה דער עצם מציאות פון די זאכן - זיי ווערן אבער באלויכטן, אז מ׳זעט וואס עס טוט זיך, מ׳זעט וואו מ׳דארף גיין און אויך וואו מ׳דארף ניט גיין, "שלא יכשל בעץ או באבן" (ווי עס שטייט דער לשון בנוגע צו נרות שבת קודש[98]).

אור עצמו איז א נברא, ביז אז דער אויבערשטער האט

- געזאגט -

------------

96) לקו"ש ח"ד ע׳ 37 הע׳ 17. 97 ראה בהנסמן בלקו"ש שם הע׳ 18-19. 98) שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רסג.

געזאגט א גאנצן מאמר אויף אים באשאפן, "ויאמר אלקים יהי אור"[99], וואס דאס איז דער מאמר ראשון - אבער אור אליין באשאפט ניט קיין צווייטע זאך; תפקידו און ענינו איז נאר אז אלע ענינים (וואס זיינען שוין דא) זאלן זיין ליכטיק,

און אז עס זאל זיין "ויבדל . . בין האור ובין החושך"[100] - מ'זאל זעהן וואס איז גוט, וואס דערמיט דארף מען האבן צוטאן, און וואס איז ניט גוט, וואס דערפון דארף מען זיך היטן.

ביז אז אפילו א פיצל-קינד פארשטייט דאס: ער זעט אז ווען ס'איז פינסטער אין חדר ווייס ער ניט וואו צו גיין און ער דארף ארומטאפן און זוכן א זאך וואס ער וויל האבן, און היטן זיך פון א זאך וואס ער האט דערפון מורא;

משא"כ ווען ס'איז ליכטיק אין חדר, זעט ער די זאך וואס ער זוכט ובמילא קען ער דאס נעמען, און ער זעט אויך די זאך פון וואס ער האט מורא, ובמילא היט ער זיך דערפון.

כו. אזוי איז אויך בנוגע צו דעם אלטן רבי'ן, וואס שמו איז "שניאור":

ענינו פון דעם אלטן רבי'ן איז געווען אור - צו באלייכטן די ענינים וואס זיינען שוין דא פון פריער אז מ'זאל זעהן וואס עס טוט זיך:

דער אלטער רבי איז דאך געקומען צוויי דורות נאך דעם בעש"ט, וואס דער בעש"ט האט אויפגעטאן א גאנצן ענין מיט אלע פרטים שבזה, עס קען דאך אבער זיין אז דער ענין זאל זיין ניט אין אן אופן אז דאס איז באלויכטן, אז מ'זעט ניט וואס עס טוט זיך; האט דער אלטער רבי, "שניאור", אויפגעטאן אז עס זאל זיין אור - אז די ענינים פון דעם בעש"ט (וואס זיינען שוין דא פון פריער) זאלן זיין באלויכטן.

כז. ובעבודת האדם:

שטייענדיק אין דעם טאג פון ח"י אלול, דער יום הולדת פון דעם בעש"ט, קען זיין איינער וואס פירט זיך אין אלע זיינע ענינים ע"פ דרך החסידות וואס דער בעש"ט האט מייסד געווען, און אויך מיט א כח"נ - ס'איז ביי אים אבער ניט ליכטיק: ער טוט טאקע אבער ער פילט ניט ווי דורך דערויף טוט ער אויף און ער באלייכט זיך אליין און די וועלט ארום אים, ובמילא איז אויך די זאך וואס ער טוט ניט קיין באלויכטענע,

- וואס -

------------

99) בראשית א, ג. 100) ל' הכתוב - שם, ד.

וואס דאס איז די עבודה פון קב"ע, אז ער טוט טאקע די עצם זאך וואס מ'דארף טאן, דאס איז אבער א זאך וואס איז ניט באלויכטן, ווארום ס'איז ניט בהכרח אז ער זאל פילן אז ער טוט עפעס אויף – אדער ער פילט אדער ער פילט ניט,

אדער אדרבא: וויבאלד אז ער טוט מצד קבלת עול איז קיין נפק"מ ניט צי ער פילט אדער ער פילט ניט, ווארום ער איז ניט קיין מציאות, ער טוט נאר ווייל אזוי האט דער אויבערשטער געהייסן,

ובלשון הידוע[101] "אילו נצטווינו לחטוב עצים", וואס דאס איז דאך ניט קיין מצוה (ווארום דאס איז ניט דער ענין פון חטיבת עצים למזבח וכיו"ב, וואס דאס איז א מצוה[102] – נאר חטיבת עצים סתם אזוי), וואס אין דעם איז ניטא קיין תוכן און ס'איז ניטא אין דעם דער רצון העליון ("נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"), און אעפ"כ איז "אילו נצטווינו" צו טאן דאס, וואלט מען דאס אויך געטאן בדרך קבלת עול, מצד דערויף וואס "נצטווינו",

איז די זעלבע זאך דארף זיין דער אופן פון קיום המצוות, וואס האבן אין זיך יע א תוכן וכו' – אז זייער קיום דארף זיין ניט מצד די סגולה וואס אין זיי וכיו"ב, נאר מצד דערויף וואס "נצטווינו", וכנוסח ברכת המצוות "אשר קדשנו במצוותיו וצונו".

וואס דערפון קומט אויס אז זיין עבודה איז אין אן אופן וואס אים איז כלל ניט נוגע קיינע כוונה און קיינע הרגשים,

אפילו די כוונה אז דורך דער עבודה מאכט ער א דירה לו ית' בתחתונים – איז אים אויך ניט נוגע, ווארום אויך דאס איז א כוונה און א שכר, ואדרבא – דאס איז די גרעסטע כוונה און שכר וואס קען נאר זיין,

ס'איז אים מערניט ווי נוגע צו מקיים זיין דעם ציווי ה' מצד קבלת עול אליין.

כח. דער ענין פון "שניאור" טוט אבער אויף אז די עבודה דארף זיין מיט אור, עס דארף זיין באלויכטן: ער דארף מקיים זיין מצוות ניט נאר מצד קבלת עול, נאר אויך מיט אלע זיינע כחות – מיט זיין כח התענוג, מיט זיין כח הרצון, מיט זיין כח השכל און מיט זיינע מדות וכו'.

ובלשון הכתוב[103] – עס דארף זיין "כספם וזהבם אתם",

– וואס –

---

101) ראה לקו"ת שלח מ, א. המשך תרס"ו ע' נד. 102) ראה רשב"ם ב"ב קכא, ב ד"ה מניסן. 103) ישעי' ס, ט.

וואס "כסף" און "זהב" איז די מצוות פון אהבה און יראה - "כסף" מלשון [104] "נכסף נכספתה", דער ענין האהבה, און "זהב" איז דער ענין היראה[105], און זיין עבודה דארף זיין אין אן אופן פון "כספם וזהבם אתם", אז אין דערויף זאל זיין אהבה ויראה, ועד"ז מים שאר הכחות שלו.

וואס דעמולט לייכטן ביי אים זיינע כחות, און ער פילט אין אלע זיינע כחות, אין זיין כח ההענוג, אין זיין כח הרצון, אין זיין כח השכל און אין זיינע מדות וכו׳ - ווי ער טוט עפעס אויף און ער באלייכט זיך אליין און די וועלט.

און דאס וואס מ׳זאגט אז "אילו נצטוינו לחטוב עצים" - איז דאס נאר א משל מבחוץ, אז "__אילו__ נצטוינו לחטוב עצים" וואלט מען דאס געטאן, אבער __בפועל__ איז ניט אזוי, בפועל דארף מען מקיים זיין מצוות, וואס אין מצוות זיינען דא כוונות און הרגשים וכו׳.

כט. דערמיט וועט מען פארשטיין א דבר פלא אין המשך תרס"ו:

אין דעם המשך [106] איז ער מבאר בארוכה דעם ענין פון אן עבד פשוט, אז זיין עבודה איז בהכלית הביטול נאר מצד קבלת עול, און ער האט ניט קיין אייגענע הרגשים, און אז דאס איז דער הכלית העילוי אין עבודה.

דערנאך גייט אוועק א גאנצע אריכות הביאור, אז די אלע כחות פון אן עבד פשוט זיינען בטל צו די כחות פון דעם אדון: הענוג העבד איז דער תענוג האדון, רצון העבד איז רצון האדון, שכל העבד איז שכל האדון, די מדות זיינע זיינען מדות האדון וכו׳.

וואס לכאורה איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז ער וויל דא רעדן ווי די עבודה פון אן עבד פשוט איז מיט קבלת עול אז ער איז בתכלית הביטול - איז פארוואס גייט ער אריין אין א גאנצע אריכות, ביז צו "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[107], אז דער עבד האט עונג און רצון ושאר כל הכחות (און אז די אלע כחות זיינען די כחות פון דעם אדון) - וואס איז נוגע דעם עבד פשוט וואס עס טוט זיך מיט זיינע כחות, ער איז דאך בתכלית הביטול ?!

ל. ע"פ הנ"ל יש לומר דעם ביאור בזה:

דער ענין פון אוד טוט אויף אז עבודה זאל ניט זיין

- נאר -

------------

104) ויצא לא, ל. 105) תו"א וישב כו, ד. לקו"ה בהעלותך לב, ד. ובכ"מ. 106) ד"ה ומקנה רב ושלאחריו. 107) ל׳ הכתוב - איוב יא, ט.

__הנחה הת׳ בלתי מוגה__

נאר מיט קבלת עול אליין - נאר אז אויך אלע פרטים און אלע כחות פון דעם אדם העובד זאלן לייכטן.

וואס דערפאר איז אפילו אויב זיין עבודה איז אזוי ווי די עבודה פון אן עבד פשוט, איז ניט מספיק אז ער טוט עס נאר מיט קבלת עול - נאר עס דארף אויך דורכנעמען אלע זיינע כחות, אז זיינע כחות ווי זיי זיינען במציאותם זאלן ווערן די כחות פון דעם אדון: ער דארף דאס טאן מיט זיין כח התענוג אין אן אופן אז זיין תענוג ווערט תענוג האדון, מיט זיין רצון אין אן אופן אז זיין רצון ווערט רצון האדון, מיט זיין שכל אין אן אופן אז זיין שכל ווערט שכל האדון, מיט זיינע מדות אין אן אופן אז זיינע מדות ווערן מדות האדון,

ביז אז דאס נעמט אויך דורך אז זיין מעשה - ניט (נאר) זיין מעשה וואס ער טוט מצד קבלת עול שלמעלה מטעם ודעת, נאר (אויך) זיין מעשה ווי דאס איז בתחתית המדריגות פון סדר השתלשלות, ד.ה. ווי זיין מעשה איז א כח ווי שאר הכחות שלו - אז אויך זיין מעשה ווערט מעשה האדון.

לא. און אזוי ווערן אלע זיינע כחות דורכגענומען און באלויכטן מיט דער עבודה וואס ער טוט - פון זיין כח התענוג ביז צו זיין כח המעשה, כולל אויך - אז ער זאל האבן יראה תתאה.

וואס לכאורה: וויבאלד אז ער איז אן עבד פשוט, האט ער דאך יראה עילאה, וביחד עם זה האט ער אויך דעם "עקב", מעשה בפועל, ער האט דעם העכסטן ענין, יראה עילאה, און דעם כח הכי תחתון, מעשה בפועל - איז פארוואס דארף ער האבן נאך עפעס?!

זאגט מען איס אז ער דארף אויך האבן אלע דרגות בינתים - וואדום ס'איז דא דער כלל[108] אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא דבר אחד לבטלה", און "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו"[109], ד.ה. אז באמת האט מען ניט געדארפט באשאפן די ענינים בעולם, און די איינציקע סיבה פארוואס מ'האט דאס באשאפן איז - "לכבודו",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק וואס פאר אן ענין עיקרי דאס איז צו אויסנוצן יעדער נברא און יעדער כח "לכבודו".

וואס דערפאר איז בשעת מ'גיט א מענטשן כחות - דארף ער דאך בארעכטיקן די מציאות פון די כחות, פארוואס זיי זאלן

- בכלל -

---

108) שבת עז, ב. 109) אבות ספ"ב.

בכלל עקזיסטירן, וואס דערפאר דארף ער אויסנוצן די כחות "לכבודו" פון דעם אויבערשטן, וואס דעמולט איז בארעכטיקט פארוואס מ'האט באשאפן די כחות, און אויב ער נוצט זיי ניט אוים ח"ו - האט קיין ארט ניט פארוואס זיי זאלן זיין במציאות.

און דערפאר איז אפילו ווען ער נוצט אוים זיין העכסטן כח, און ער האט יראה עילאה - דארף ער אבער אויך אויסנוצן די כחות שלמטה מזה, וויבאלד אז אויך די כחות האט מען אים געגעבן.

וע"ד ווי דאס איז אין תורה אין די עשרת הדברות:

די עשרת הדברות הויבן זיך אן מיט "אנכי"[110], וואס דאס איז די העכסטע דרגא, העכער פאר אלע אנדערע דרגות - "אנכי מי שאנכי . . דלא אתפס בשם ולא אתרמיז בשום אות וקוצא כלל"[111]; פונדעסטוועגן איז ער דערנאך ממשיך "(אנכי) הוי' אלקיך" - וואס הוי' איז שוין א שם וואס שטעלט זיך אוים (ניט אין איין אות, נאר) אין פיר אותיות, און "אלקיך", וואס שם אלקים איז לשון רבים[112], און בגימטריא "הטבע"[113].

לב. וואס דאס איז דער אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן ("שניאור") אויף דעם בעש"ט:

איינער וואס פירט זיך (נאר) לויט דרך החסידות הכללית פון דעם בעש"ט, איז ווען עס ווערט נתעורר ביי אים מדה האהבה - ווייסט ער ניט וואס צו טאן מיט דעם און ווי צו דאס אויסנוצן, וויבאלד אז ביז דעמולט איז ביי אים געווען "פינסטער", ביז דעמולט האט ער נאך קיין מאל ניט געהאט די מדה!

ער טוט טאקע עבודתו - אבער ער טוט עס נאר מיט קבלת עול, אזוי ווי א קינד, וואס בטבע איז א קינד א פאלגער, ער פאלגט אלץ וואס זיינע עלטערן זאגן אים, עד"ז איז א איד א קינד פון דעם אויבערשטן, "בנים אתם לה' אלקיכם"[114] - איז ער בטבע א פאלגער, א קבלת-עול'ניק[115], במילא טוט ער עבודתו לה' נאר מיט קב"ע און ער מישט דארטן ניט אריין זיינע כחות.

דער אלטער רבי ("שניאור") האט אויפגעטאן אז אלע כחות פון דעם מענטשן דארפן לייכטן, ובלשון הכהוב בפרשתנו[116] אז

- עס -

---

110) יתרו כ, ב. 111) לקו"ת פינחס פ, ב. וראה זח"ג רנז, ב. 112) פרש"י עה"פ וירא כ, יג. וישלח לה, כז. ובכ"מ. 113) פרדס שער י"ב פ"א. שעהיוה"א דפ"ו. 114) ראה יד, א. 115) ראה סה"מ הש"ד ע' 5. 116) כט, ג.



הנחת הת' בלתי מוגה

עס זאל זיין "עינים לראות ואזנים לשמוע" - בשעה ב'האט עינים דארף מען זיי אויסנוצן צו זעהן, און אזנים - צו הערן, ועד"ז שאר כל הכחות,

און דערפאר בשעה ער ווערט נתעורר מיט מדה האהבה ווייסט ער גלייך ווי צו דאס אויסנוצן, וויבאלד אז דאס איז ביי אים א מדה וואס לייכט.

לג. דער אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן אויפן בעש"ט דריקט זיך אויס אויך בשעה מ'גייט ארוים אין גאס רעדן מיט א צווייטן אידן:

דער בעש"ט האט דאך זייער מדגיש געווען אז עס דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך"[117], ביז אז מ'דארף האבן אהבת ישראל אפילו צו א אידן וואס געפינט זיך בקצה העולם און מ'האט אים קיינמאל ניט געזעהן[118], און דורך אהבת ישראל פועל'ן אויף א צווייטן אידן אין אלע עניני תומ"צ,

[וביחד עם זה דארף זיין "מבשרך לא תתעלם"[119] - מ'דארף טאן אויך מיט זיך אליין, און אויב מ'איז אליין ניט פרום קען מען ניט פועל זיין אויף א צווייטן אז ער זאל זיין פרום],

און ווי דער בעש"ט האט אליין באוויזן די וועג, אז ער פלעגט אליין זיך משתדל זיין צו טאן א טובה א אידן, א טובה בגשמיות אדער א טובה ברוחניות, און אזוי האט ער געמאנט פון אנדערע אז זיי זאלן אויך אזוי טאן.

וואס בשעת ער טוט א טובה א צווייטן אידן, ער גיט א פרוטה לצדקה וכיו"ב, איז ער טאקע קונה חיי נפשו[120] - די נתינה איז אבער נאר מיט די אצבעות היד און דער כח בידו, משא"כ שאר הכחות שלו איז ניט בהכרח אז זיי זאלן אויך דורכגענומען ווערן מיט די מצוה.

פסק'נט אבער דער שו"ע[121], אז די נתינת הצדקה דארף אויך זיין "בסבר פנים יפות", ד.ה. אז נוסף צו דעם וואס ס'איז דא דער עצם נתינת הצדקה - דארף דער מקבל הצדקה פשוט זעהן א "סבר פנים יפות" בא דעם נותן, ועד"ז דארף דער נותן הצדקה מפייס זיין דעם מקבל הצדקה[122].

וואס דאס איז ווי מצות הצדקה נעמט-דורך ניט נאר דער

- יד -

---

117) קדושים יט, יח. וראה קונטרס אהבת ישראל בהתחלתו. 118) "היום יום" ע' קיג. 119) ל' הכתוב - ישעי' נח, ז. וראה לקו"ד כרך ד תשכט, א ואילך. 120) תנחומא משפטים טו. 121) יו"ד סרמ"ט ס"ג. 122) שם ס"ד.

יד הגשמי פון דעם נותן הצדקה, נאר אויך זיינע אנדערע כחות, אז אלע זיינע כחות זאלן לייכטן בשעה ער איז מקיים די מצוה, און דעמולט איז אויך דער עצם מצות הצדקה א באלויכטענע מצוה.

לד. און בכדי אז דער נותן הצדקה זאל בא זיך פועל'ן אז ער זאל ניט נאר געבן די צדקה בידו, נאר אויך טאן דאס מיט א "סבר פנים יפות" - דארף דאס קומען פון א העכערע מדריגה אין דעם נותן גופא, העכער ווי די מדריגה פון וואנעט עס קומט די עצם הנתינה.

וואס דערביט ווערט מען פארשטיין פארוואס דער אלטער רבי האט געדארפט זיין א נשמה חדשה - דלכאורה: דער אלטער רבי האט דאך נאר אויפגעטאן א המשך צו הסידות הכללית וואס דער בעש"ט האט מחדש געווען צוויי דורות פאר אים - האט ער דערצו לכאורה געדארפט האבן נאר א נשמה וואס איז א המשך צו דער נשמה פון דעם בעש"ט - פארוואס האט ער געדארפט האבן א נשמה חדשה?

איז דער ביאור בזה:

דער אלטער רבי האט אויפגעטאן אז חסידות הכללית זאל אראפקומען אין חב"ד, אין הבנה והשגה[123], ביז אין אן אופן פון "יתפרנסון"[124], אז דאס זאל ווערן זיינע א פרנסה און אים דורכנעמען און באלייכטן בפנימיות,

וואס בכדי דאס אויפצוטאן - דארף דאס קומען פון א העכערע מדריגה, העכער ווי דער עצם ענין פון חסידות הכללית, ע"ד ווי דער "סבר פנים יפות" און דאס וואס ער איז מפייס דעם מקבל הצדקה בא נתינת הצדקה, וואס נעמט-דורך און באלייכט בפנימיות דעם נותן הצדקה (ובמילא אויך די עצם מצות צדקה), דארף קומען פון א העכערע מדריגה ווי די עצם נתינת הצדקה,

און דערפאר האט מען געדארפט האבן א נשמה חדשה דאס אויפצוטאן.

לה. און דאס איז דער אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן אויף דעם בעש"ט אין אהבת ישראל - אז ניט נאר וואס ער איז מקיים דעם ענין פון אהבת ישראל בפועל, נאר בשעה בשעה-פילט ער אויך וואס ער טוט אויף דורך דערויף בא זיך און אין דער וועלט, ובמילא באלייכט דאס אים אליין און דאס באלייכט די וועלט,

- ביז -

---

123) ראה גם לקו"ש ח"ז ע' 206. 124) ל' התקו"ז ת"ו בסופו. וראה כס"מ לתקו"ז שם. הקדמת בק"מ לזהר.

ביז - אז דורך דערויף באלייכט דאס אויך די עצם אהבת ישראל אליין.

ועד"ז בנוגע צו שאר כל המצוות:

ווען ער גייט ארויס און ער לייגט תפילין מיט א צווייטן אידן וואס "הוקשה כל התורה כולה (מצוות[125]) לתפילין[126], איז ניט מספיק אז ער זאל מיט אים טאן נאר די פעולה פון הנחת תפילין - נאר ער דארף אים אויך מסביר זיין אז עס דארף זיין שעבוד הלב והמוח[127], און וואס דער ענין איז אין דעם איז וכו',

וואס דורך דערויף באלייכט ער דעם אידן בפנימיות, ובמילא ווערט דעמולט אויך די עצם מצוה פון תפילין א באלויכטענע.

ועד"ז בנוגע צו שאר כל הענינים.

לו. דער אויפטו הנ"ל פון דעם אלטן רבי'ן אויף דעם בעש"ט אין דעם ענין פון אהבת ישראל - איז אויך אין דעם לימוד וועגן אהבת ישראל אין תורת חסידות חב"ד פון דעם אלטן רבי'ן לגבי ווי דער לימוד וועגן דערויף איז אין תורת החסידות הכללית פון דעם בעש"ט (ע"פ האמור לעיל אז חסידות חב"ד ברענגט אראפ חסידות הכללית אין הבנה והשגה וכו'):

ס'איז דא א גרויסער חילוק פון דעם ענין פון אהבת ישראל ווי מ'לערנט דאס אין א ספר פון דעם בעש"ט, אדער מ'לערנט דאס אין תורת החסידות חב"ד, אין די מאמרים פון דעם אלטן רבי'ן און די נשיאים ממלאי מקומו:

אין תורת הבעש"ט רעדט זיך וועגן דערויף נאר אין עטליכע שורות, משא"כ אין חסידות חב"ד, אנהויבנדיק פון דעם דרוש החלצו אין לקו"ת[128] און דערנאך אין די דרושים פון די נשיאים שלאח"ז - רעדט זיך דאס מיט אן אריכות הביאור.

וואס לכאורה למאי נפק"מ צי ס'איז דא אין דערויף א ביאור ובאריכות אדער ניט - די מעשה בפועל פון אהבת ישראל איז דאך לכאורה די זעלבע צי מ'לערנט דאס מיט א ביאור אדער אן א ביאור?

איז דער ענטפער אויף דערויף: בשעת מ'לערנט וועגן אהבת ישראל אין חסידות חב"ד ווערט דער ענין באלויכטן,

- ובמילא -

------------

125) ראה לקו"ש ח"ו ע' 277 בהערה. 126) קידושין לה, א. 127) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ה ס"ה (סי"א). 128) מטות פה, ד ואילך.

ובמילא אז כ׳גייט ארויס דערנאך (נאכן לערנען וועגן דעם אין חסידות חב"ד) טאן אין אהבת ישראל בפועל, ווערט אויך באלויכטן דער עצם אופן ווי מ׳איז דאס מקיים, ד.ה. אז דער ענין פון אהבת ישראל וואס ער טוט נעמט-דורך און באלייכט דעם וואס טוט אין דעם און דעם מיט וועמען ער טוט, ובמילא - נעמט עס אויך דורך און דאס באלייכט די עצם מצוה.

וואס דאס איז געווען דער אויפטו פון דעם אלטן רבי׳ן, וואס "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז "שניאור" - אז ס׳איז דא ניט נאר דער ענין פון "הוא", נאר אויך דער ענין פון "שמו" (ווי עס שטייט דער לשון אין פרקי דר׳ אליעזר[129]), ובלשון החסידות - דער ענין פון "אור",

וואס עניינו איז ניט צו באשאפן א צווייטע זאך, נאר צו באלייכטן א זאך וואס איז שוין דא פון פריער.

לז. דער ענין פון אהבת ישראל בפועל אין א באלויכטענעם אופן - האט מען אויך געזעהן אין דער הנהגה בפועל פון דעם אלטן רבי׳ן:

דער אלטער רבי פלעגט דאך ארומגיין און ארומפארן (ניט-אום-שבת געררעדט) אין די שטעט און שטעטלעך בכדי פועל׳ן אויף אלע אידן אז בא זיי זאל זיין קירוב הלבבות,

ביז אז אויך די וואס ס׳איז געווען ידוע זייער יחס צום אלטן רבי׳ן - איז דער אלטער רבי צו זיי געגאנגען צו פועל׳ן בדרכי נועם און זיי מסביר זיין וכו׳, אז עס זאל זיין שלום צווישן אידן.

ביז ווי ער שרייבט אין זיין אגה"ק הידועה[130], אז מ׳זאל זיך פירן מיט די מנגדים בדרכי נועם ובדרכי שלום, און "כולי האי ואולי יתן ה׳ בלב אחיהם כמים[131] הפנים וגו׳",

וואס דאס האט ער געשריבן "אחר ביאתו מפטרבורג", וואס ס׳איז דאך ידוע ווי ס׳איז געקומען מעשה פטרבורג - און אעפ"כ האט ער זיך געפירט און געהייסן אנדערע זיך פירן היפך פון זייער הנהגה (פון די וואס האבן גורם געווען אז ער זאל זיין אין פטרבורג).

לח. המדובר לעיל איז דער לימוד און הוראה וואס מ׳נעמט ארויס פון דעם כללות׳דיקן נאמען, "שניאור", אז דאס באדייט אויף דעם ענין פון אור;

- אין -

------------

129) פ"ג. 130) נדפסה באגה"ק ס"ב. 131) ל׳ הכתוב - משלי כז, יט.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אין דערויף קומט צו נאך א נקודה, אז "שניאור" איז דער פירוש "שני אור", צוויי אורות (כנ"ל ס"ו), וואס די הדגשה נוספת דערפון איז:

אין יעדער ענין וואס עס דארף זיין עבודת האדם זיינען דא צוויי זאכן - דער מענטש אליין וואס גייט פועל'ן אין א געווויסן ענין ע"י עבודתו, און דער ענין אין וועלכן ער פועל'ט: דער מענטש און חלקו בעולם, אין דעם מענטשן גופא - די נשמה און דער גוף, די נפש אלקית און די נפש הבהמית, דער רצון האדם און מעשה האדם (- דער רצון דארף פועל'ן אויף מעשה שלו), ווי עס פארשטייט אויך א קליין קינד פון ווי דאס איז בא זיך אליין.

איז קען דאך זיין א מציאות אז דער מענטש וועט מאכן טאן עבודתו אין אן אופן פון אור, אז דאס זאל לייכטן - אבער עס וועט נאר ביי אים אליין לייכטן, משא"כ חלקו בעולם לאזט ער זיין פאר-זיך, אדער ער טוט אין אן אופן אז נאר זיין נשמה זאל לייכטן אבער נישט זיין גוף וכו' -

לערנט מען אפ פון "שניאור", אז דער אור דארף זיין א צווייענדיקער - סיי אין אים אליין און סיי אין דער זאך אין וועלכע ער וויל פועל'ן, סיי ער זאל לייכטן און סיי חלקו בעולם זאל לייכטן, ועד"ז בנוגע צו די אנדערע ענינים.

לט. ווי גערעדט פריער (סכ"ג) האט דער אלטער רבי אויך א צווייטן נאמען אשר יקרא לו בלע"ז - "זלמן".

וכמדובר אמאל[132] אז "זלמן" איז אותיות "לזמן", אבער ניט ער ווערט אנגערופן "לזמן" וואס דאס איז דאך א ווארט אין לה"ק, נאר "זלמן", בשינוי הצירופים, אין אותיות כסדרן.

וואס פון די ביידע ענינים, "זלמן" און "לזמן", איז אויך דא א הוראה.

און ס'איז אויך דא א הוראה דערפון וואס "זלמן" איז ניט קיין צווייטער נאמען פון דעם אלטן רבי'ן, נאר דאס איז איין נאמען מיט "שניאור" (כנ"ל).

און אויך אין "שניאור" זיינען דא צוויי ענינים, אז דאס איז "שני אור", צוויי אורות (ווי גערעדט פריער (סל"ח)), און אז די ב' אורות זיינען ניט צוויי באזונדערע ענינים, נאר זיי שטעלן זיך אויס אין איין נאמען "שניאור", וואס דאס איז מדגיש אז די צוויי אורות זיינען איין זאך,

- בדוגמא -

---

132) לקו"ש ח"ו ע' 41. שמות תשל"ו ס"ח. וראה לקוטי לוי"צ אגרות ע' ריח ואילך.

בדוגמא ווי גערעדט כמ"פ [133] בנוגע צו יום השלישי שהוכפל בו כי טוב [134] "טוב לשמים וטוב לבריות" [135], אז נוסף צו דעם וואס מ'האט די צוויי ענינים פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות", האט מען אויך די צוויי ענינים ווי זיי ווערן איין זאך, ד.ה. אז אין יעדער זאך וואס מ'טוט ביום השלישי איז דא סיי דער ענין פון "טוב לשמים" און סיי דער ענין פון "טוב לבריות".

דערנאך קומט נאך צו וואס ח"י אלול איז אויך דער יום הולדת פון דעם בעש"ט, וואס דאס גייט צוזאמען דערמיט וואס דאס איז דער יום הולדת פון דעם אלטן רבי'ן (ווי ער זאגט אין דער שיחה הנ"ל אז ח"י אלול איז דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים", וואס אין דערויף זיינען דא ענינים עמוקים, כמדובר לעיל כמה מהם בקיצור עכ"פ) - און אויך דערפון דארף זיין א הוראה.

ונוסף לזה דארף אויך זיין א הוראה דערפון וואס ח"י אלול בשנה זו איז ביום השבת, און אין א שנה השביעית "שבת לה'" [136], וואס אין דערויף זיינען אויך דא כמה לימודים מיוחדים.

וואס אין די אלע ענינים דארף מען אויך רעדן - אבער אין כאן המקום והזמן לדבר בזה, וכפי שיתבאר בהזדמנות אחרת.

מ. איצטער האט מען נאר גערעדט די נקודה און די הוראה פון "ישראל" און פון "שניאור" - אז ווען מ'טרעפט א צווייטן אידן דארף מען אים זאגן אז ס'איז ח"י אלול, וואס דעמולט איז דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים", דער בעש"ט און דער אלטער רבי, וואס זיי האבן געהייסן "ישראל" און "שניאור",

און דערפון דארף זיך יעדער איד אפלערנען, אז וואס ער זאל נאר טאן געפינט ער זיך אלעמאל אין א מצב פון "ישראל",

און ביי אים דארף זיין "שניאור" - ער דארף זיך באלייכטן און אויך באלייכטן א צווייטן אידן און חלקו בעולם, ביז אז די ביידע אורות ווערן איין זאך.

מא. און דורך דערויף וואס מ'טוט די עבודה, איז מען בקרוב ממש זוכה אז עס זאל זיין "והי' כי הבוא אל הארץ גו'",

- וואס -

------------

133) ראה גם שיחה אור ליום ג', ב' מרחשון ש.ז. ס"ה (נדפסה בקונטרס "ויעקב הלך לדרכו"). 134) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 135) ראה קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד. 136) בהר כה, ב-ד.

וואס דער פירוש אין דעם איז: "כאשר הבוא", ד.ה. אז ס'איז א זיכערע זאך אז עס וועט זיין "תבוא אל הארץ", און דער "כי" גייט (ניט אויף "תבוא אל הארץ", נאר) אויף מצות ביכורים וואס שטייט דערנאך אין פסוק, וואס אין דערויף איז דא בחירת האדם צי ער וועט מקיים זיין די מצוה אדער ח"ו ניט, וואס דערפאר שטייט "כי",

[און וויבאלד אז מצות ביכורים קומט צו אים ע"י בחירתו, האט ער אין דערויף דעם "קב שלו", און דעמולט גיט אים דער אויבערשטער ניט נאר די תשעה קבים נאר אויך די עשרה קבים].

משא"כ אויף "וירשתה" האט א איד קיין בחירה ניט, נאר גלייך ווען ער ווערט א יורש באלאנגט די זאך צו אים צי ער וויל יע צי ער וויל ניט,

און וויבאלד אז עס וועט זיין "והי' כי תבוא אל הארץ גו'" - וועט מען זיכער פראווען דעם קומענדיקן הקהל אין ארץ הקודש, און מ'וועט הערן פון מלך המשיח קריאת התורה בביהמ"ק השלישי, "מקדש אד' כוננו ידיך".

"והקיצו ורננו שוכני עפר"[137], און "משה ואהרן עמהם"[138], און צוזאמען מיט זיי - אויך דער בעש"ט און דער אלטער רבי און די נשיאים ממלאי מקומו בתוכם.

וואס דאס וועט זיין בקרוב ממש אין אן אופן פון "מיד", וויבאלד אז עס וועט זיין "והי' כי תבוא אל הארץ", וואס "אין והי' אלא מיד" און "כל מקום שנאמר והי' אינו אלא שמחה",

אז "מיד" במדת בני אדם, וועט קומען די גאולה האמיתית והשלימה למטה מעשרה טפחים, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

מב. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה היום הזה ה' אלקיך מצוך גו'.

* * *

מג. ס'איז דאך דגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות אויפן זהר וואס איז פארבונדן מיט פרשתנו,

און אויך אן ענין אין פרקי אבות וואס מ'לערנט אין די "שבתות הקיץ", אין איינעם פון די צוויי פרקים וואס מ'לערנט היינטיקן שבת.

- אין -

------------

137) ישעי' כו, יט. 138) ראה יומא ה, ב. תוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.

אין פרשתנו קאפיטל כו אין דעם לעצטן פסוק, פסוק יט דער לעצטער פסוק אין דעם שיעור חומש פון יום השלישי שהוכפל בו כי טוב פון פ' הבוא שטייט (בהמשך לזה וואס עס שטייט אין דעם פסוק שלפנ"ז [139] "וה' האמירך היום להיות לו לעם סגולה גו'"): "ולהיותך עם קדוש לה' אלקיך כאשר דבר".

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "ולהיותך עם קדוש כאשר דבר", און איז מפרש אז "כאשר דבר" מיינט דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט פריער [140] "והייתם לי קדושים".

דארף מען פארשטיין:

כמדובר כמ"פ אז פירוש רש"י איז בתכלית הדיוק, ביז אז ס'איז אויך בדיוק אויף וועלכע ווערטער פון פסוק ער שטעלט זיך,

די קשיא איז נאך שטארקער:

אין דעם פסוק גלייך פאר דערויף שטייט אויך דער לשון "כאשר דבר" ("וה' האמירך היום להיות לו לעם סגולה כאשר דבר לך") - רש"י איז אבער דארטן מעתיק נאר די ווערטער "כאשר דבר לך" און זאגט אז דאס איז וואס דער אויבערשטער האט געזאגט בא מ"ת [141] "והייתם לי סגולה",

און ס'איז פארשטאנדיק פארוואס רש"י איז מעתיק פון פסוק נאך די ווערטער "כאשר דבר לך" און ניט (אויך) די ווערטער "להיות לו לעם סגולה" - ווארום רש"י איז מפרש נאר וואס די ווערטער "כאשר דבר לך" מיינען, משא"כ אין די ווערטער "להיות לו לעם סגולה" גיט רש"י גארניט צו בפירושו.

איז ממה-נפשך: וויבאלד אז רש"י איז מעתיק אין דעם ערשטן פסוק נאר די ווערטער "כאשר דבר לך" (דערפאר וואס נאר די ווערטער איז ער מפרש און ניט די ווערטער "להיות לו לעם סגולה") - האט ער אויך אין דעם צווייטן פסוק געדארפט מעתיק זיין נאר די ווערטער "כאשר דבר" און ניט (אויך) די ווערטער "ולהיותך עם קדוש", וויבאלד אז אויך דא גיט רש"י לכאורה גארניט צו בפירושו אין די ווערטער "ולהיותך עם קדוש", ער איז מערניט מפרש ווי וואס דער "כאשר דבר" מיינט;

און אויב רש"י וויל (מאיזה סיבה שתהי') מעתיק זיין אויך די ווערטער אויף וואס דער "כאשר דבר" גייט - האט ער דאס געדארפט טאן אויך אין דעם ערשטן פסוק?

עס זיינען דא כמה וואס שפארן זיך צי אויך דאס וואס רש"י איז מעתיק פון פסוק איז מדויק אדער ניט - פון פרש"י - הנ"ל -

---

139) פסוק יח. 140) קדושים כ, כו. 141) יתרו יט, ה.

 הנחה הת' בלתי מוגה

הנ"ל בפרשהנו אבער, וואו מ'געפינט א שינוי פון וואס רש"י איז מעתיק אין אייך פסוק מיט דעם וואס ער איז מעתיק גלייך אין א פסוק שלאח"ז - איז פארשטאנדיק אז דאס איז זיכער מדויק, ובמכ"ש דערפון וואס אפילו אויב א מפרש קטן וואלט אזוי משנה געווען וואלט מען פארשטאנען אז דאס איז מדויק, און ניט א שינוי וטעות פון דעם "בחור הזעצער"].

מד. אויך דארף מען פארשטיין:

א) גלייך נאך דעם פסוק וואו עס שטייט "והייתם לי סגולה" (וואס רש"י ברענגט אויף דעם וואס עס שטייט דא "להיות לו לעם סגולה כאשר דבר לך") שטייט[142]: "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש",

און וויבאלד רש"י ברענגט דעם פסוק "והייתם לי סגולה" אויף דעם וואס עס שטייט "כאשר דבר לך" בנוגע צו "להיות לו לעם סגולה" - איז בשעת עס קומט א פסוק גלייך נאך דערויף און עס שטייט "ולהיותך עם קדוש כאשר דבר", האט רש"י געדארפט ברענגען (ווי מפרשי החומש[143] ברענגען טאקע) אז דער "כאשר דבר" מיינט דאס וואס עס שטייט בהמשך צו "והייתם לי סגולה" - "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש?

ב) אויב רש"י וויל ניט (מאיזה סיבה שתהי') זאגן אז "ולהיותך עם קדוש כאשר דבר" מיינט דעם פסוק "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" - זיינען דאך דא כמה פסוקים פאר דעם פסוק וואס רש"י ברענגט ("והייתם לי קדושים" וואס שטייט אין סוף פ' קדושים), וואו עס שטייט שוין אז דער אויבערשטער האט געזאגט אז אידן זיינען אן עם קדוש:

אין פ' שמיני שטייט[144] "והתקדשתם והייתם קדושים גו'", און דערנאך ווידער אמאל[145] "והייתם קדושים". דערנאך אין ריש פ' קדושים שטייט[146] "קדושים תהיו גו'" -

היינט פארוואס ברענגט רש"י א פסוק ערשט פון סוף פרשת קדושים?!

וכמדובר כמ"פ אז די דיוקים דארפן זיין פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא פאר א בן חמש למקרא, און רש"י פארלאזט זיך ניט אז דער בן חמש למקרא וועט גיין זוכן דעם פירוש אין מפרשי רש"י, ובפרט אז אלע מפרשי רש"י על פסוק זה (וואס איך האב געזעהן) שטעלן זיך בכלל ניט אויף די פסוקים,

וכפי שיתבאר לקמן, און פון דעם ביאור בזה וועט מען זעהן דעם תכלית הדיוק אין פירוש רש"י.

- מה. -

---

142) שם, ו. 143) ראה אוה"ת עה"פ. 144) יא, מד.
145) שם, מה. 146) יט, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

מה. נאך א פירוש רש"י בפרשתנו וואס איז צריך ביאור:

אויפן פסוק [147] "היום הזה ה׳ אלקיך מצוך גו׳" שטעלט זיך רש"י און זאגט: "בכל יום יהיו בעיניך חדשים כו׳".

דארף מען פארשטיין: אין פ׳ ואתחנן [148] אויפן פסוק "והיו הדברים האלה אשר אנכי מצוך היום" זאגט רש"י: "לא יהיו בעיניך כדיוטגמא ישנה שאין אדם סופנה אלא כחדשה כו׳" - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס אין פרשתנו זאגט רש"י אז עס דארף זיין "חדשים" (אן א כ"ף הדמיון) און אין פ׳ ואתחנן זאגט רש"י אז עס דארף זיין "כחדשה" (מיט א כ"ף הדמיון)?

וואס דאס איז דאך א קשיא פשוטה וואס יעדערער האט זיך געדארפט שטעלן אויף דערויף,

ובפרט אז מ׳האט וועגן דעם חילוק (צווישן "חדשים" און "כחדשים") דערמאנט אזוי פיל מאל, ביז אז אין דער שיחה וואס האט זיך איצטער אפגעדרוקט [149] ווערט דאס אויך דערמאנט - און אעפ"כ האט זיך קיין איין און איינציקער ניט געשטעלט אויף דערויף עד היום הזה!

וואס דאס באווייזט אז קיינעם ארט ניט וואס מ׳רעדט!

מו. היינטיקן שבת לערנט מען פרק ג׳ און פרק ד׳ ווי עס שטייט אין די לוחות - וועט מען זיך שטעלן אויף א משנה אין פרק ד׳:

די משנה [150] זאגט: "הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים".

דארף מען פארשטיין: וואס האט דאס פאר א שייכות מיט אן ענין אין תורה ומצוות אדער מיט אידישקייט, אדער מיט "מילי דחסידותא" (וואס דאס איז דאך ענינו פון פרקי אבות[151]) - אז דאס זאל שטיין אין א משנה אין פרקי אבות?!

עס זיינען דא אויף דער משנה כמה פירושים אין מפרשי המשנה (אין רש"י, אין רמב"ם, אין מדרש שמואל ועוד) -

ס׳איז דאך אבער ידוע אז ווען עס קומט צו אן ענין פון שקו"ט אין שכל פון תורה, און אן ענין וואס איינער זאגט לייגט זיך ניט אין זיין שכל - קען ער (און.ער דארף) זאגן וואס אים איז ניט פארשטאנדיק בשכלו.

- בנוגע -

------------

147) פרשתנו שם, טז. 148) ו, ו. 149) דיום ג׳ פ׳ תבוא, י"ד אלול - לילדי מחנות קיץ. 150) משנה טו בסופה. 151) ראה ב"ק ל, א.

בנוגע צו א פס"ד להלכה - דארף מען טאקע טאן ווי דער פס"ר איז, און אין דערויף איז ניט שייך קיין דינגעגישן, וכמבואר אין הלכות ה"ת[152], אז אזוי ווי אין זמן האמוראים איז בא זיי געווען דער פס"ד ווי עס שטייט אין משנה, און אזוי האבן זיי זיך בעדארפט פירן, עד"ז איז בזמננו דער פס"ד לויט ווי עס שטייט אין פוסקים (ביז צו אחרונים שבאחרונים);

ווען עס קומט אבער צו שקו"ט און פלפול בתורה, וואס איז ניט נוגע צו א פס"ד להלכה - איז אויב עס לייגט זיך ניט אין שכל אן ענין וואס שטייט פון פריער, דארף מען אויף דערויף פרעגן - זעלבםטפארשטענדליך מיט דער הקדמה פון נעשה קודם לנשמע, און דער פרעגן דארף זיין מיט א נראה לפי עניות דעתי וכיו"ב אז אין דערויף איז צריך עיון אדער צריך עיון גדול וכיו"ב.

מז. וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו פירוש המפרשים אין אונזער משנה:

עס זיינען דא מפרשים[153] וואס טייטשן אז די משנה קומט לערנען א הנהגה וואס דארף בכלל זיין ביי א מענטשן: "הוי זנב לאריות" - מ'דארף זיין א "זנב" צו א סוג עליון, "ואל תהי ראש לשועלים" - ניט זיין קיין ראש צו א סוג התחון.

דער פירוש איז אבער ניט פארשטאנדיק לפענ"ד - ווארום וואס האט דער ענין פאר א שייכות מיט הומ"צ און מיט אידישקייט, ובפרט מיט "מילי דחסידותא"?

אנדערע מפרשים[154] זאגן, אז די משנה וויל לערנען דעם ענין פון עניוות.

דאס איז אבער אויך ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא", ווארום גאוה איז א בפירוש'ער איסור אין תורה, ביז אז דער אויבערשטער זאגט אויף א בעל-גאוה[155] "אין אני והוא יכולין לדור בעולם שנאמר[156] מלשני בסתר רעהו אותו אצמית גבה עינים ורחב לבב אותו לא אוכל, א"ת אותו אלא אתו לא אוכל".

מח. בקשר מיט דער משנה אין פרקי אבות איז דא א ירושלמי אין פרק ד' פון מסכת סנהדרין[157] וואס איז צריך עיון אזוי ווי כו"כ ענינים אין ירושלמי.

און אויך אויף דעם שטעלט זיך קיינער ניט, אויף

- דערויף -

---

152) לאדה"ז פ"ב ס"א. 153) פרש"י ורע"ב לאבות כאן.
154) מד"ש. 155) סוטה ה, א. 156) תהלים קא, ה. 157) ה"ח.



הנחת הת' בלתי מוגה

דערויף קען מען אָבער ניט האבן אזא גרויסע טענה, וויבאלד אז ניט אלע לערנען ירושלמי, משא"כ בנוגע צו פרש"י וואס יעדער איינער לערנט דאס, כנ"ל (סמ"ה)]:

די משנה דערציילט אז בשעה סנהדרין [סנהדרין של שבעים ואחד, אדער של עשרים ושלשה[158]] פלעגן זיצן, איז "שלש שורות של תלמידי חכמים יושבין לפניהן, וכל אחד ואחד מכיר מקומו", "לפי שבתחלה כסדר הושיבום, שורה ראשונה גדולה משל שני׳, והיא גדולה מן השלישית, וגם בכל שורה ושורה הושיבום כסדר, הגדול בראש, שני למטה הימנו וכן כולן זה למטה מזה, לפיכך צריך כל אחד להכיר מקומו"[159].

"צרכו לסמוך", ווען מ׳האט געדארפט סומך זיין א נייעם דיין לסנהדרין, "כגון שמת אחד מן הדיינים"[160], איז "סומכין מן הראשונה",

און וויבאלד אז דעמולט האט געפעלט איין חכם אין דער שורה הראשונה, דערפאר איז "אחד מן השני׳ בא לו לראשונה ואחד מן השלישית בא לו לשני׳, ובוררין להן עוד אחד מן הקהל ומושיבין אותו בשלישית, ולא הי׳ יושב במקומו של ראשון אלא יושב במקום שראוי לו".

ד.ה.[161]: "ולא הי׳ אותו שנברר מן הקהל יושב במקומו של ראשון ראש בשורה שלישית, אלא במקום הראוי לו בסוף השורה, וכן אותו שבא מן השלישית לשני׳ וכן אותו שנסמך כן הראשונים לא הי׳ יושב במקומו של ראשון, אלא כולן בסוף השורות, וכל בני השורה נמשכין איש איש למעלה במקומו וממלאין זה מקומו של זה, מפני שהקטן שבדיינים גדול מן הגדול שבתלמידי הראשונה, והקטן שבראשונה גדול מן הגדול שבשני׳, הלכך כי נײדי כולהו נײדי, כשמת אחד מהן ומושיבין אחר הליפיו כולן צריכין לנוד איש איש ממקומו".

זאגט דער ירושלמי: "מייהי לה רב (וואס ער איז געווען אן אמורא) מכתניהא, כהני׳ אמרה הוי זנב לאריות ולא ראש לשועלים, כהלא אמר הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות, דתנינן צרכו לסמוך סומכין מראשונה".

טייטשן אפ מפרשים[162], אז רב קומט דא מפרש זיין "הא דתנינן צרכו לסמוך סומכין מן הראשונה ויושב בסוף הדיינים

- והראשון -

------------

158) פרש"י ד"ה ושלש שורות - סנהדרין לז, רע"א. פני משה לירושלמי שם. 159) פרש"י שם ד"ה וכל אחד מכיר את מקומו. וראה גם פנ"מ שם. 160) פרש"י שם ד"ה הוצרכו. פנ"מ שם ד"ה צרכו. 161) פרש"י שם ד"ה ולא הי׳. וראה גם פנ"מ שם. 162) פנ"מ שם ד"ה מייתי לה רב.

והראשון שבשורה שני' בא לו ויושב בסוף שורה ראשונה.
וקאמר רב לאתויי טעמא כמתני' דלקמי' הוי זנב לאריות וכו',
וכלומר שלא יאמר זה עד האידנא הוה יתיבנא ברישא והשתא
מותבינא בדנבי[163], וכהאי כהלא אמר הוי ראש לשועלים ולא זנב
לאריות, והלכך משיבין לו, לא כדבריך ולא כמשל הזה שאתה
אומר אלא כהמשנה שאומרת הוי זנב לאריות ולא ראש לשועלים".

מט. לפי דעם ירושלמי ווערט פארענטפערט די שייכות פון דער
משנה אין אבות, "הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים", צו
אן ענין פון הומ"צ און אידישקייט - ווארום דער ענין פון
"הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים" איז נוגע צו מינוי
סנהדרין, אז "צרכו לסמוך סומכין מן הראשונה";

עס בלייבט נאך אבער ניט פארשטאנדיק: וואס איז דא דער
ענין פון "מילי דחסידותא" בזה - דער ענין אז בשעה "צרכו
לסמוך סומכין מן הראשונה" איז א דין ווי מ'דארף ממנה זיין
סנהדרין; בנוגע צו פסק'נען א דין איז דאקע ניט מוכרח אז
מ'זאל האבן א סנהדרין של ע"א (אדער של כ"ג), נאר "אחרי
רבים להטות"[164] - בנוגע אבער צו האבן א סנהדרין מיטן גאנצן
תוקף, דארף מען האבן ע"א דיינים (ועד"ז אין א סנהדרין
קטנה דארף מען האבן כ"ג דיינים) - איז דאך דער אופן ווי
צו ממנה זיין סנהדרין (בכדי עס זאל זיין א סנהדרין של ע"א
(אדער של כ"ג)) ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא"?

נ. אויך דארף מען פארשטיין אין דעם ירושלמי (לויט פירוש
המפרשים):

א) דא רעדט מען דאך וועגן א תלמיד חכם וואס איז
געזעסן לפני הסנהדרין בשורה הראשונה און דארטן גופא במקום
הראשון, וואס דאס באווייזט אויף זיין דרגא אין לימוד
התורה - איז ווי קען דא זיין א הו"א צו זאגן אז ער וועט
זאגן "עד האידנא הוה יתיבנא ברישא והשתא מותבינא בדנבי"
און ער וועט אנעמען דעם משל העולם, "הוי ראש לשועלים ולא
זנב לאריות", און ניט דאס וואס שטייט בפירוש אין משנה?!

צי דען דארף מען באווארענען אזא תלמיד חכם אז ער זאל
אנעמען דברי המשנה אנשטאט משל העולם, עולם מלשון העלם
והסתר[164*]?!

ב) פארוואס ברענגט דער ירושלמי אלס ענטפער אויף דעם
וואס "מתלא אמר הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות", אז
ס'איז ניט אזוי פון דער משנה אין סנהדרין, "דתנינן צרכו
לסמוך סומכין מראשונה", און ניט פון דער משנה אין אבות

- (וואס -

---

163) כבסנהדרין שם. 164) משפטים כג, ב. *164) לקו"ת
שלח לז, ד.



הנחת הת' בלתי מוגה

(וואס ער ברענגט גלייך פאר דערויף) - "הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים"?

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

נא. בנוגע צו די הערות אויפן זהר, זיינען ניטא קיינע הערות אין פרשתנו - אבער אין די הערה אויפן זהר פון פ' חקת רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דעם וואס עס שטייט בפרשתנו, "היום הזה ה' אלקיך מצוך גו'",

[וואס אויף דעם פסוק האט מען זיך געשטעלט אין דעם מאמר, וואס ער איז גענומען פון דעם דרוש אין לקו"ת ד"ה זה]:

ער שטעלט זיך דארטן[165] אויף דעם פסוק[166] "היום הזה נהיית לעם" וואס ברענגט זיך אין זהר (פ' חקת)[167], און ער זאגט: "דע שהפסוק הזה יל"פ שקאי על ר"ה, זהו היום הזה קאי על היום דר"ה", ווארום "ר"ה נק' זה כמ"ש זה היום תחלת מעשיך, והוא למעלה מן בכ"ה באלול נברא העולם[168], והוא יום ו' למע"ב",

וכמבואר בכ"מ אין חסידות[169] אז כ"ה אלול איז בחי' "כה" (כ"ה אלול), און ר"ה איז בחי' "זה", "זה היום תחלת מעשיך", וואס דערפאר איז ווען עס שטייט "היום הזה" גייט דאס אויף ר"ה.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "היום הזה ה' אלקיך מצוך גו'" (וואס שטייט בפרשתנו), אז "היום הזה" גייט אויף ר"ה,

וכמבואר אין דעם דרוש אין לקו"ת וואס הויבט זיך אן מיט דעם ד"ה[170], און ער גיט דארטן צו אז "לכן קורין פרשה זו (פ' תבוא) קודם ר"ה כי היום הזה וגו' קאי על ר"ה כו'", וואס דאס איז ע"ד ווי דער אלטער רבי זאגט ווייטער אין לקו"ת אין פ' נצבים [ווי אנגעצייכנט אין דער הערה], אז "פרשה זו (פ' נצבים) קורין לעולם קודם ר"ה וברומז במלה היום דקאי על ר"ה כי זה היום תחלה מעשיך זכרון ליום ראשון".

ועד"ז אויך דער "היום" וואס שטייט אין די פסוקים בהמשך צו "היום הזה ה' אלקיך מצוך גו'", "את ה' האמרת היום גו' וה' האמירך היום" - גייט אויף ר"ה.

וואס עפ"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס ער זאגט אין

- דעם -

------------

165) לקוטי לוי"צ לזה"ג ס"ע שפז ואילך. 166) פרשתנו כז, ט. 167) זה"ג קעט, ב. 168) ויק"ר רפכ"ט. פדר"א פ"ח. הוד"ה להקופה - ר"ה ח, א. וראה ר"ן ר"ה טז, א. 169) לקו"ה נצבים כז, ב. אוה"ת ר"ה ע' א'תלד. 170) ריש פרשתנו.

דעם דרוש אין לקו"ת (פון פרשתנו)[171], אז "את ה' האמרת היום" איז די אמירה פון דעם מאמר[172] "נעשה אדם בצלמינו כדמותינו" - וואס לכאורה זיינען דאך דא אנדערע מאמרות וואס זיינען געווען פאר דעם מאמר "נעשה אדם גו'", ואדרבה - "נעשה אדם גו'" איז דאך געווען דער לעצטער מאמר - איז פארוואס טייטשט ער אין דעם דרוש אז "את ה' האמרת" גייט דוקא אויף דעם מאמר "נעשה אדם גו'"?...

ע"פ האמור לעיל אז "את ה' האמרת היום" גייט אויף דעם טאג פון ר"ה איז דאס פארשטאנדיק - ווארום בר"ה, יום ו' למעשה בראשית, איז נברא אדם הראשון, און במילא איז דעמולט געווען דער מאמר "נעשה אדם גו'".

נב. אין דער הערה איז ער אבער ניט מבאר אן עניך וואס איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

ווען מיינט "היום" ר"ה - דוקא ווען עס שטייט "היום הזה", ווארום "ר"ה נקרא זה" - איז פארוואס ווען עס שטייט "אתם נצבים היום", אן דעם ווארט "הזה", זאגט דער אלטער רבי אין לקו"ת (ווי ער צייכנט אן אין דער הערה, כנ"ל) אז דאס מיינט ר"ה?

דאס וואס "את ה' האמרת היום גו' וה' האמירך היום" גייט אויף ר"ה (כאטש עס שטייט ניט "היום הזה"), איז פארשטאנדיק - ווארום דאס קומט בהמשך צו דעם וואס עס שטייט אין דעם פסוק שלפנ"ז "היום הזה ה' אלקיך מצוך גו'", במילא דארף דאס דער פסוק ניט איבער'חזר'ן; אין פ' נצבים אבער שטייט נאר "היום" - איז פון וואנעט נעמט דער אלטער רבי אז דאס גייט אויף ר"ה?

וכפי שיתבאר לקמן.

נג. ע"פ דעם חילוק הנ"ל, אז ווען עס שטייט "היום הזה" גייט דאס אויף ר"ה, ווארום ר"ה איז בחי' "זה", משא"כ ווען עס שטייט "היום" סתם גייט דאס (לכאורה) ניט אויף ר"ה - קען מען אויך מסביר זיין (אין פשש"מ) דאס וואס אין פרשתנו אויף "היום הזה ה' אלקיך מצוך", זאגט רש"י "בכל יום יהיו בעיניך חדשים", און אין פ' ואתחנן, אויף "והיו הדברים האלה אשר אנכי מצוך היום" זאגט ער "לא יהיו בעיניך כדיוטגמא ישנה שאין אדם סופנה אלא בחדשה":

אין פרשתנו שטייט אין פסוק "היום הזה ה' אלקיך מצוך", משא"כ אין פ' ואתחנן שטייט נאר "היום" (אן דעם ווארט "הזה").

- וואס -

---

171) מב, א. 172) בראשית א, כו.



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דער צוגאב פון דעם ווארט "הזה" האט שוין רש"י מפרש געווען פריער, אין פ' בשלח:

אויפן פסוק [173] "זה א-לי ואנוהו" איז רש"י מפרש[174]: "בכבודו נגלה עליהם והיו מראין אותו באצבע כו'". ד.ה. אז "זה" באדייט אז דער ענין איז אזוי בגלוי אז מ'קען אויף אים אנווייזן "באצבע".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז בשעת עס שטייט אין פסוק "היום הזה" איז דאס מדגיש אז דער ענין וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין פסוק דארף זיין אין אן אופן אז מ'קען אויף אים אנווייזן "באצבע", ד.ה. ניט נאר אין אן אופן פון "כחדשים", וואס אויך דאס איז כאילו ווי א נייע זאך, אבער ניט א נייע זאך ממש וואס מ'קען אויף דערויף אנווייזן מיטן פינגער - נאר "חדשים" ממש,

און דערפאר זאגט רש"י אויף דעם וואס עס שטייט אין פרשתנו "היום הזה ה' אלקיך מצוך" - "בכל יום יהיו בעיניך חדשים", חדשים ממש, אז מ'קען אויף דערויף אנווייזן מיטן פינגער.

משא"כ ווען עס שטייט נאר "היום" (אן דעם ווארט "הזה"), באווייזט דאס טאקע אויך אז די זאך דארף אלעמאל זיין ווי א נייע זאך, אבער ניט אין אן אופן אז מ'קען אויף דערויף אנווייזן מיטן פינגער, ד.ה. אז די זאך איז "כהדשה", אבער ניט "חדשים" ממש,

און דערפאר ווען עס שטייט אין פ' ואתחנן "והיו הדברים האלה אשר אנכי מצוך היום",(אן דעם ווארט "הזה"), זאגט רש"י "לא יהיו בעיניך כדיוטגמא ישנה שאין אדם סופנה אלא כחדשה"*.

נד. ע"פ האמור לעיל אז "היום הזה" גייט אויף ר"ה, וויבאלד אז ר"ה איז בחי' "זה" - איז פארשטאנדיק אז ר"ה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "חדשים", ווארום "חדשים" איז אויך דער ענין פון "היום הזה", "מראין אותו באצבע",

און כ"ה אלול וואס איז בחי' "כה" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "כחדשים", "היום" סתם (אן "הזה").

לכאורה איז דאס אבער ניט פארשטאנדיק:

ס'איז דאך ידוע הורת הבעש"ט [175] אז די ההווה הבריאה - איז -

---

173) בשלח טו, ב. 174) וראה שכו"ר עה"פ (ספכ"ג).
175) שעהיוה"א בהתלהו.

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ נצבים-וילך, כ"ה אלול.

איז בכל רגע ורגע מחדש, און דער אלטער רבי איז דאס מבאר[176], אז וויבאלד די בריאה איז געווען אין אן אופן פון יש מאין, ניט יש מיש ווי "מעשה אנוש" - דערפאר דארף דער אויבערשטער איר מחדש זיין בכל רגע ורגע.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, ובמכ"ש וק"ו, אז אין דעם טאג פון כ"ה אלול עצמו, ווען די וועלט איז באשאפן געווארן מאין ליש (בפעם הראשונה) - איז דאס זיכער געווען אין אן אופן פון התחדשות ממש.

איז ווי קען מען זאגן אז כ"ה אלול איז נאר ווי דער ענין פון "כחדשים" און ניט "חדשים" ממש?!

נה. איז דער ביאור בזה:

כ"ה אלול איז די וועלט טאקע באשאפן געווארן באופן חדש ממש, ס'איז אבער ניט געווען ניכר בגלוי אין וועלט אז די בריאה איז ערשט נתחדש געווארן, ביז אז מ'זאל דאס קענען אנווייזן מיט א פלישיקן פינגער, "זה". דערפאר איז דעמולט נאך געווען די בחי' פון "כה", "כחדשים";

ערשט ביום השׁשי למעשה בראשית, נאך דערויף וואס אדה"ר איז באשאפן געווארן, איז געווארן ניכר בגלוי אין וועלט אז די איז נתחדש געווארן - ווארום דעמולט האט אדה"ר געזאגט[177] "ה' מלך גאות לבש"[178], און "באו נשתחוה ונכרעה נברכה לפני ה' עושנו"[179].

וואס דערפאר איז דעמולט נקבע געווארן אלס דער טאג פון ר"ה, און דערפאר איז דעמולט די בחי' פון "זה", "חדשים" ממש - וויבאלד אז דעמולט האט זיך אויפגעטאן אז מ'זאל קענען באווייזן מיט א פלישיקן פינגער, "זה", אויף דעם אז די בריאה איז נתחדש געווארן.

נו. די הוראה דערפון אין עבודת כאו"א:

לימוד התורה קען זיין אין אן אופן פון "כה" ניט אין אן אופן פון "זה": ער לערנט תורה בהתמדה ובשקידה, ער פארשטייט וואס ער לערנט, ער גיט א שיעור, און ער האט תלמידים און תלמידי תלמידים - ער איז אבער ניט צוגעקומען צו א "בכן" אין זיין לימוד התורה, וואס דער "בכן" איז די פראָבע צי זיין לימוד התורה איז טאקע געווען בתכלית השלימות,

און וויבאלד אז ער איז ניט צוגעקומען צו א "בכן" -

- איז -

---

176) שם. 177) זח"א רכא, ב. ח"ג קז, ב. פדר"א פי"א. וראה אוה"ת שם ע' א'שלה. 178) תהלים צג, א. 179) שם צה, ו.



הנחת הה' בלתי מוגה

איז א הוכחה אז זיין לימוד ההורה איז ניט געווען בשלימות, ס'איז נאר געווען אין אן אופן פון "כה", ניט אין אן אופן פון "זה", ער קען אויף דערויף נים אנווייזן מיטן אצבע הגשמי.

זאגט מען אים, אז ער דארף לערנען אין אן אופן פון "זה" - אז פון דעם לערנען זאל ארויסקומען א "בכן", וואס דעמולט איז מוכח אז זיין הבנה אין דעם וואס ער האט געלערנט איז אין אן אופן אז ער קען אויף דערויף אנווייזן מיטן אצבע הגשמי.

נז. עד"ז קען זיין אז ער זאל חזר'ן א מאמר בהתרגשות ובהתלהבות - אבער צי-דען וועט ער זיך דערנאך אוועקזעצן לערנען דעם מאמר נאכאמאל און נאכאמאל, ביז זעכציק מאל (כהסיפור הידוע[180]), און אין אן אופן ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט מוסיף געווען, אז דעם 60'סטן מאל דארף זיין מיט דער זעלבער חיות ווי דעם ערשטן מאל - דאס ניט!

ווארום ער איז דאך א בר שכל, איז בשעת ער האט געלערנט דעם מאמר דעם ערשטן מאל, האט ער דאך דאס זיכער געלערנט מיטן גאנצן עיון, און ער האט פארשטאנען וואס ער לערנט, און דערנאך האט ער עס געלערנט נאכאמאל איז ביי אים צוגעקומען נאך כמה פרטים בזה - אבער נאך דערויף וואס ער האט עס געלערנט כמה פעמים, האט ער ניט וואס צו לערנען דאס נאכאמאל, ביז 60 מאל, און אין אן אופן פון "חדשים", ווארום דאס וועט אים גארניט צוגעבן אין הבנת המאמר.

און ווי מ'זעט טאקע אז ס'איז פון די שווערסטע עבודות צו פועל'ן אז א בר שכל זאל לערנען א זאך 60 מאל, און אין אן אופן אז דער לימוד דעם 60'סטן מאל זאל זיין "חדשים" אזוי ווי דעם ערשטן מאל.

זאגט ער: אויב מ'זאגט אים אז ער זאל דאס לערנען 60 מאל מצד קבלת עול - איז ער דאס גרייט צו טאן, ווארום "אילו נצטוינו לחטוב עצים" וואלט ער דאס אויך געטאן; אבער דא רעדט זיך אז די האלץ איז שוין אפגעהאקט, ער האט שוין געלערנט דעם מאמר בהבנה והשגה, ביז ער האט דאס פארשטאנען בהבנה והשגה ווי עס שטייט אין פרק ה' פון תניא, ביז אז צווישן אים מיט דעם דבר שכל איז געווארן א "יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל כו'", און עס וועט אים שוין ניט צוקומען נייע ענינים אויב ער וועט עס לערנען נאכאמאל - איז צוליב וואס דארף ער עס לערנען נאכאמאל?!

- נח. -

---

180) ראה שיחת שמע"צ תרצ"ד (הנחה).

נח. זאגט מען אים: "כי לא דבר רק הוא מכם"[181]: אויב ער לערנט 60 מאל דעם זעלבן ענין און עס קומט אים גארניט צו אין הבנה דעם 60´סטן מאל, עס איז ביי אים "רק" - איז ניט מ´זאגט אים אז ער איז א שקרן און באמת איז ניט "רק" - נאר ס´איז טאקע "רק הוא", אבער דאס איז "מכם", דאס איז דערפאר וואס ביי אים אליין איז "רק", עס פעלט ביי אים אין שכל,

אויב אבער ער וועט זיך אליין מתקן זיין - וועט ער דעמולט לערנען אין אן אופן אז ווען ער לערנט א זאך 60 מאל, וועט ביי אים צוקומען אין עמקות הדבר דעם 60´סטן מאל לערנען דאס פונקט ווי באם לערנען דאס דעם ערשטן מאל - "חדשים" ממש!

און ווי די גמרא[182] זאגט, אויפן פסוק[183] "דדי´ ירווך בכל עת", "למה נמשלו דברי תורה כדד, מה דד כל זמן שהתינוק ממשמש בו מוצא בו חלב אף דברי תורה כל זמן שאדם הוגה בהן מוצא בהן טעם",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי אין יניקה, וואס ימי היניקה זיינען כ"ד חודש[184], איז די יניקה פון דעם לעצטן טאג פון די כ"ד חדשים בשוה צו דער יניקה פון דעם ערשטן טאג -

עד"ז איז דער געשמאק אין לימוד התורה דעם לעצטן טאג, מיט די אלע טעג בינתיים בשוה צו דעם ערשטן טאג.

נט. וואס דערפון האט מען די הוראה בפשטות:

ערשטן´ס דארף מען זיך פועל´ן צו בכלל לערנען די זעלבע זאך 60 מאל (וואס הלואי וואלט מען דאס געקענט אויפטאן):

בשעת מ´לערנט שיעורי חת"ת, איז וויבאלד אז מ´רעדט דאך וועגן א חסיד, דארף ער זיך דאך קאכן אין דעם שיעור תניא - איז בשלמא בנוגע צו דעם שיעור חומש און דעם שיעור תהלים - נו! לייענט ער דאס אפ און גענדיקט,

[וואס אויך בנוגע צו תהלים איז ניט די כוונה אז מ´זאל דאס אפליינען אן וויסן וואס דארטן שטייט, וואס עס זיינען דא אזוינע, ניט פאר קיין אידן געדאכט, וואס לייענען תהלים און ווייסן ניט פירוש המילות, עכ"פ וועט עס קומט צו א שווערן פסוק.

- א גדול -

---

181) האזינו לב, מז. וראה ירושלמי שבת פ"א ה"ד (ו, ב). כתובות ספ"ח. 182) עירובין נד, ב. 183) משלי ה, יט. 184) כתובות ס, א.

א גדול בישראל (מ'ווייס אים ניט דערמאנען באם נאמען) האט אמאל געטייטשט דעם פסוק (אין קאפיטל עט פון תהלים) "שמו את ירושלים לעיים" ווי עס וואלט געשטאנען "לאיים" מיט אן אל"ף - אז זיי האבן געמאכט ירושלים פאר אן אינזל, ד.ה. אז בשעת מ'מאכט חרוב די אלע שטעט ארום ירושלים, בלייבט דעמולט ירושלים ווי אן אינזל.

האט איינער ביי אים געפרעגט בתמימות, אז עס שטייט דאך "לעיים" מיט אן עי"ן און ניט מיט אן אל"ף?! ;

בשעת עס קומט אבער צו דעם שיעור תניא, תושב"כ פון חסידות[185] - איז ער דאך דעם אלטן רבי'נס א חסיד, און ער ווייסט ווער דער אלטער רבי איז געווען און וואס תניא איז, און אז דער אלטער רבי האט וואכן געטראכט אויף א ווארט אין תניא צו שרייבן אים מיט א וא"ו אדער אן א וא"ו וכו'[186] - זעט זיך אוועק בכובד ראש און לערן אפ די עטליכע שורות פון דעם שיעור ווי עס דארף צו זיין, ווי עס שטייט אין פרק ה' פון תניא!

און אפילו אויב איינער איז פון קו פון "זבולון", וואס ער קען ניט לערנען כמה שעות ביום די שורות תניא - איז דאס וואס ער לערנט יע זאל ער לערנען עכ"פ מיט א ביסל הבנה והשגה.

און נאך דערויף וואס מ'פועל'ט אויף זיך אז מ'זאל לערנען 60 מאל די זעלבע זאך - קומט צו די צווייטע הוראה, אז דער לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "זהו", אז דער לערנען דעם 60'סטן מאל זאל זיין "חדשים" פונקט ווי מ'האט עס געלערנט דעם ערשטן מאל.

און דעמולט קומט ביי אים צו אין הבנה והשגה אין דעם ענין אויך באם לערנען דאס דעם 60'סטן מאל, כאטש ער האט דאס שוין פריער געלערנט בהבנה והשגה.

ס. ויה"ר אז מ'זאל לערנען הורה בפועל ממש, און אז דער לערנען זאל זיין אין אן אופן פון "חדשים".

און דורך דערויף וועט מען זוכה זיין צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, אין אן אופן פון "מיד", און "מיד" במדת בשר ודם, בקרוב ממש.

* * *

- סא. -

------------

185) קצוה"ע להניא ע' קיח. שם ע' קכח. ובכ"מ.
186) לקו"ש ה"ד ע' 1212 הע' 3 (ממכתב כ"ח המוז תרצ"ב). וראה קצוה"ע שם ס"ע קכא. שם ע' קכח.

כא. דער ביאור אין פירוש רש"י:

דער בן חמש למקרא לערנט דאך הוכש כדבעי, איז ער אין דערויף אויך מדייק כדבעי.

עד"ז ווען ער לערנט די פסוקים בפרשתנו, איז ער מדייק אז אין דעם ערשטן פסוק שטייט "להיות לו לעם סגולה כאשר דבר לך", און אין דעם צווייטן פסוק שטייט "ולהיותך עם קדוש לה' אלקיך כאשר דבר", אן דעם ווארט "לך".

נאך א זאך וואס ער איז מדייק:

"להיות לו לעם סגולה" און "להיותך עם קדוש" רעדן לכאורה וועגן דעם זעלבן ענין, וועגן דעם "עם" אליין, אז ער איז אן "עם סגולה" און אן "עם קדוש" - האבן די צוויי ענינים געדארפט שטיין בהמשך זה לזה;

בפועל זעט מען אבער אז די תורה איז זיי מפרט אין צוויי באזונדערע פסוקים, און איז מפסיק ביניהם מיט גאר אן אנדער ענין - "ולתתך עליון על כל הגוים גו'", ניט אן ענין וואס רעדט וועגן דעם עם אליין, נאר וועגן דעם יחס פון דעם עם צו גוים.

דער דיוק ווערט נאכמער: אין פ' יתרו בא מ"ת שטייט "והייתם לי סגולה גו'" און גלייך בהמשך לזה שטייט "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש", וואס דערפון זעט מען אז די צוויי ענינים (אז דער עם איז אן עם סגולה און אן עם קדוש) גייען צוזאמען - און אעפ"כ איז אין פרשתנו צוטיילט מען זיי און מ'איז מפסיק ביניהם מיט אן אנדער ענין.

סב. וואס דאס גופא איז דער "שליסל" צו פארשטיין פרש"י:

"להיות לו לעם סגולה" און "להיותך עם קדוש" (אין פרשתנו) זיינען שאקע צוויי באזונדערע ענינים וואס האבן קיין שייכות ניט צווישן זיך (ניט ווי אין פ' יתרו וואו "והייתם לי סגולה גו'" און "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" זיינען פארבונדן זב"ז), און דערפאר שטייען זיי אין צוויי באזונדערע פסוקים מיט א הפסק ביניהם (ניט ווי אין פ' יתרו וואס דארטן שטייען ביידע ענינים בהמשך זל"ז).

וואס דאס איז מדגיש פארוואס רש"י קען ניט ברענגען דעם פסוק "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" (וואס קומט בהמשך צו דעם פסוק "והייתם לי סגולה" וואס רש"י ברענגט אויף "להיות לו לעם סגולה") אויף "להיותך עם קדוש" - ווארום "להיותך עם קדוש" האט קיין שייכות ניט מיט "להיות לו לעם סגולה", משא"כ "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" (בפ' יתרו) האט א שייכות מיט "והייתם לי סגולה".

- סג. -

סג. און דער חילוק צווישן "להיות לו לעם סגולה" מיט "להיותך עם קדוש" (וואס דערפאר קען רש"י ניט ברענגען דעם פסוק "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" אויף "להיותך עם סגולה") - ליגט אין דעם וואס בא "להיות לו לעם סגולה" שטייט "כאשר דבר לך", משא"כ בא "להיותך עם קדוש" שטייט נאר "כאשר דבר", אן דעם ווארט "לך",

[וואס עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י איז מעתיק (פון דעם ערשטן פסוק) אויך דעם ווארט "לך"]:

רש"י האט פריער[187] געזאגט א כלל, אז "כל לך ולי ולו ולכם ולהם הסמוכים לדיבור (ש)כולם לשון על הם". ד.ה. אז "לך" וואס שטייט בהמשך צו א דיבור מיינט ניט "צו דיר" [ווארום כל התורה כולה רעדט דאך צו אידן], נאר "וועגן דיר".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו "(וה' האמירך היום) להיות לו לעם סגולה כאשר דבר לך": וויבאלד אז עס שטייט "כאשר דבר לך" איז פארשטאנדיק אז "להיות לו לעם סגולה" איז אן ענין וואס דער אויבערשטער רעדט וועגן אידן, ד.ה. אז דאס איז א הבטחה אדער א פעולה מלמעלה אז אידן וועלן זיין אן "עם סגולה",

און דערפאר דארף רש"י זוכן א פסוק פריער וואו דער אויבערשטער האט געדעדט וועגן אידן אז זיי וועלן זיין אן עם סגולה - געפינט עס רש"י אין פ' יהרו, בא מ"ת, וואס דארטן האט דער אויבערשטער געזאגט "והייתם לי סגולה", וואס דאס איז אן ענין וואס דער אויבערשטער רעדט וועגן אידן, אז "והייתם לי סגולה", זיי וועלן זיין דעם אויבערשטן'ס סגולה.

משא"כ בא "להיותך עם קדוש" שטייט נאר "כאשר דבר", אן דעם ווארט "לך", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז "להיותך עם קדוש" איז ניט אן ענין וואס דער אויבערשטער רעדט וועגן אידן (אז ער גיט א הבטחה אדער ער טוט א פעולה מלמעלה ביחס צו אידן) - נאר דאס איז א ציווי צו אידן,

ד.ה. אז דער ענין פון "להיותך עם קדוש" איז ניט תלוי אין דעם אויבערשטן'ס הבטחה אדער פעולה מלמעלה, נאר אין אידן, און במילא ווייסט מען ניט ביז שפעטער צי אידן האבן טאקע מקיים געווען דעם ציווי אדער ניט.

[וואס דער ענין צי אידן וועלן מקיים זיין דעם ציווי אז זיי זאלן זיין קדושים אדער ניט, איז תלוי נאר אין זיי - ווי דער בן חבש למקרא האט שוין געלערנט פריער, אין פ' ראה[188]: "ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה וקללה, את הברכה

- אשר -

------------

187) עה"פ שמות ד, טז. 188) יא, כו-כז.



הנחה הת' בלתי מוגה

אשר תשמעו אל מצות ה' אלקיכם אשר אנכי מצוה אתכם היום וגו'", ועוד].

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק דער דיוק וואס שטייט דא "להיותך עם קדוש", ניט ווי עס שטייט פריער "להיות לו לעם סגולה": "להיותך עם קדוש" איז א ציווי פון דעם אויבערשטן צו אידן, אז אידן זאלן זיין אן "עם קדוש", דערפאר שטייט "להיותך עם קדוש"; משא"כ "להיות לו לעם סגולה" איז א הבטחה פון דעם אויבערשטן וועגן אידן.

סד. וויבאלד אז "להיותך עם קדוש" איז א ציווי (ניט קיין הבטחה ווי "להיות לו לעם סגולה"), קען רש"י ניט ברענגען אויף דעם וואס עס שטייט דא "כאשר דבר" דעם פסוק "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" (וואס שטייט בהמשך צו "והייתם לי סגולה") - ווארום דער פסוק איז ניט קיין ציווי פון דעם אויבערשטן, נאר א הבטחה זיינע (אזוי ווי דער פסוק שלפנ"ז "והייתם לי סגולה").

מוז רש"י זוכן א צווייטן פסוק וואו דער אויבערשטער האט געזאגט אידן א ציווי אז זיי זאלן זיין אן "עם קדוש" - געפינט רש"י דעם פסוק אין סוף פ' קדושים, וואס דארטן שטייט "והייתם לי קדושים", וואס דאס איז א ציווי צו אידן אז זיי זאלן זיין קדושים.

סה. ס'איז נאך אבער אלץ ניט פארשטאנדיק (ווי געפרעגט פריער): אין פ' שמיני און אין ריש פ' קדושים געפינט מען שוין א ציווי צו אידן אז זיי זאלן זיין קדושים - היינט פארוואס ברענגט רש"י א פסוק וואס שטייט ערשט אין סוף פ' קדושים?

איז דער ביאור בזה, אז אין אונזער פסוק קומט צו נאך א דיוק:

דער פסוק זאגט "להיותך עם קדוש", ד.ה. אז דאס איז א ציווי ניט אויף יעדער אידן אלס א יחיד, נאר אויף דעם גאנצן עם, אז זיי זאלן זיין אן "עם קדוש".

דער ציווי וואס שטייט אבער אין פ' שמיני, "והתקדשתם והייתם קדושים" - רעדט זיך ניט וועגן אלע אידן אלס אן עם, נאר וועגן יעדער אידן אלס א יחיד.

ועד"ז דער ציווי אין ריש פ' קדושים "קדושים תהיו", איז א ציווי צו יעדן אידן אלס א יחיד - ווי פארשטאנדיק פון דעם וואס עס שטייט אין דעם פסוק נאך דערויף, "איש אמו ואביו תיראו ואת שבתותי תשמורו", וואס דאס איז דאך זיכער א ציווי צו יעדן אידן אלס א יחיד;

משא"כ דער פסוק וואס שטייט אין סוף פ' קדושים,

- "והייתם -



הנחת הת' בלתי מוגה

"והייתם לי קדושים", איז א ציווי צו אידן אלס אן עם, ווי פארשטאנדיק דערפון וואס דארטן סיי אין דעם פסוק פאר "והייתם לי קדושים" און סיי אין דעם פסוק נאך דערויף (רעדט זיך) וועגן אידן אלס אן עם.

און דערפאר ווען עס קומט צו אפטייטשן "ולהיותך עם קדוש . . כאשר דבר", וואס אויך דא איז די הדגשה אויף דעם עם - ברענגט רש"י דעם פסוק פון סוף פ' קדושים דוקא, וואו עס רעדט זיך וועגן דעם עם.

עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י איז מעתיק פון פסוק (ניט נאר די ווערטער "כאשר דבר" (ווי אין דעם פסוק פאר דערויף), נאר) אויך די ווערטער "ולהיותך עם קדוש" - ווארום ער וויל מדגיש זיין אז דא איז א ציווי אויף דעם עם, און דערפאר ברענגט ער דעם פסוק פון סוף פ' קדושים.

סו. דערפון זעט מען דעם פארבונד פון יעדער יחיד צווישן אידן מיט דעם גאנצן עם:

דער פסוק הויבט אן מיט "היום הזה ה' אלקיך מצוך לעשות את החקים האלה גו'", וואס אלע חוקי התורה זיינען דאך אנגעזאגט געווארן אויך צו יעדן אידן אלס יחיד,

ואדרבה - רוב מצוות זיינען אנגעזאגט געווארן נאר צו יעדן אידן אלס יחיד, ווי מ'זעט אז די עשרת הדברות זיינען אלע געזאגט געווארן בלשון יחיד - "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך גו', לא יהי' לך גו'" (כנ"ל ס"ב).

דערנאך זאגט דער פסוק אז דער אויבערשטער זאגט אידן "ולהיותך עם קדוש", וואס דאס איז א ציווי צו אידן אלס אן עם.

ס'איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז "היום הזה ה' אלקיך מצוך לעשות את החקים האלה גו'" האט א פארבונד מיט "להיותך עם קדוש" - ווארום ווי ווערט דער עם אן "עם קדוש", איז דאס דוקא דורך דערויף וואס יעדער יחיד ווערט קדוש.

וואס דאס איז מדגיש דעם פארבונד פון דעם יחיד מיט דעם עם, אז יעדער יחיד קען פועל זיין אין דעם עם, ביז - פועל זיין אין כל העולם כולו, ווי דער רמב"ם [189] זאגט אז דורך א "מצוה אחת" (א מעשה אחד, א דיבור אחד, אדער א מחשבה אחת), קען א איד מכריע זיין "את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות. וגרם לו ולהם תשועה והצלה",

ביז צו דער ישועה עיקרית - די גאולה האמיתית והשלימה.

- סז. -

---

189) הל' תשובה פ"ג ה"ד.



הנחה הת' בלתי מוגה

כז. דערנאך קומט צו נאך א זאך וואס שטייט אין די פסוקים: "ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם וואס עס שטייט אין היינטיקער הפטורה[190], אז לע"ל וועט מען זעהן בגלוי די מעלה פון אידן אויף גוים, און אז גוים דינען אידן:

"קומי אורי כי בא אורך וכבוד ה' עליך זרח", ביז אז אפילו ווען "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", איז אבער "עליך יזרח ה' וגו'" - א איד וועט באלייכטן זיך און די וועלט ארום אים, "והלכו גוים לאורך ומלכים לנוגה זרחך",

און מ'וועט זעהן ווי די גוים דינען אידן: דער וועט לויפן ברענגען א אידן ("בניך מרחוק יבואו ובנותיך על צד האמנה"), דער וועט לויפן ברענגען א מנחה, דער וועט ברענגען "כספם וזהבם" וכו',

דערנאך איז ער ממשיך: "הגוי והממלכה אשר לא יעבדוך יאבדו והגוים חרוב יחרבו", וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: מ'געפינט ערגעץ ניט אז איינע פון די שבע מצוות בני נח איז, אז א בן-נח דארף דינען א אידן - איז פארוואס וועט זיין "יאבדו" אויב "לא יעבדוך"?

איז די הסברה בזה, אז כל מציאותם פון גוים איז בשביל ישראל[191], און דערפאר איז דוקא ווען זיי דינען אידן באדעכטיקט דאס זייער מציאות, ובמילא איז אויב זיי פידן ניט אויס זייער תכלית צוליב וואס זיי זיינען א מציאות - ווערן זיי בדרך ממילא אויס מציאות, "יאבדו".

כח. דאס איז אויך דער ביאור אין א דבר המוזה וואס מ'געפינט בקשר מיט די שבע מצוות ב"נ (ווי גערעדט כמ"פ[192]):

בא אידן דארפן דאך די מצוות זיין א סאך מער חמור ווי בא די גוים די שבע מצוות ב"נ - וואדום אידן זיינען געשטאנען בא מ"ת בהר סיני, און זיי האבן געזעהן נסים ונפלאות, און בא זיי איז געווען דער "לקחת לו גוי מקרב גוי"[193] מיט נאך כו"כ ענינים.

בפועל זעט מען אבער, אז ווען א איד איז עובר אויף אן עבירה, דארף פריער זיין התראה, און דערנאך קומט דער עונש מלקוה, אדער אן עונש ממון, און ערשט דערנאך איז דא אן עונש פון היפך החיים,

[ביז אז אויב א ב"ד האט איינעם מעניש געווען מיט

- היפך -

------------

190) מישעי' קאפיטל ס. 191) ראה פרש"י ר"פ בראשית. 192) לקו"ש ח"ה ע' 159 ואילך. חט"ו ע' 150. 193) ואתחנן ד, לד.

היפך החיים איין מאל במשך זיבן יאר - הויבט מען אויף א גאנצן שטורעם, און מ'זאגט אז דאס איז א ב"ד ניט ווי עס דארף צו זיין[194],

ביז אז ס'איז דא א דעה[195] אז אויב דער ב"ד האט מעניש געווען מיט היפך החיים איין מאל אין זיבעציק יאר - איז דאס א ב"ד שלא כדבעי[!];

משא"כ א ב"נ וואס איז עובר אויף איינע פון די שבע מצוות - איז מען אים גלייך מעניש מיט היפך החיים[196]?!

איז דער ביאור בזה:

וויבאלד אז די גאנצע מציאות פון א גוי איז באשאפן געווארן נאר צוליב מקיים זיין די שבע מצוות, איז דאך די שליחות זיינע (אויף וואס ער איז באשאפן געווארן) זיין גאנצע מציאות - דערפאר איז אויב ער פירט ניט אויס זיין שליחות איז דאס היפך זיין מציאות, במילא ווערט ער אויס מציאות; דאס איז ניט קיין עונש סגולי, דאס איז טבע הבריאה.

סט. וואס דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס מ'זעט בעולם אז בעלי-חיים זיינען ניט קיין נצחיים, און במשך הזמן ווערן זיי אויס מציאות, ועד"ז דער סוג הצומח (אילנות וכו') ווערן מיט דער צייט צוווויאניעט; ווען עס קומט חורף פאלן פון אן אילן אראפ די בלעטלעך וכו',

ובלשון פון הורה הבעש"ט הידועה (ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר ברענגט[197]), אז דאס וואס א בלעטל פאלט אראפ פון אן אילן און קייקלט זיך אין גאס איז אויך בהשגח"פ, וואס במשך הזמן ווערט דאך די בלעטל געל און צוווויאניעט פון דעם קייקלען זיך.

וואס לכאורה איז דאס צריך ביאור: וויבאלד אז דער בעל-חי ועד"ז דער אילן און די בלעטל זיינען באשאפן געווארן צוליב א געוויסן הפקיד - איז פארוואס ווערן זיי דערנאך אויס מציאות?

איז דער ביאור בזה, אז די זאכן זיינען מלכתחלה באשאפן געווארן פאר א זמן מסוים ביז זיי וועלן אויספירן זייער הפקיד און שליחות, און ווען זיי זיינען טאקע ממלא הפקידם ושליחותם - ווערן זיי אויס מציאות, און דאס איז עלייתם.

ע. עד"ז איז אויך בנוגע צו גוים: כל זמן א גוי איז ממלא

- שליחותו -

------------

194) מכות ז, א. 195) שם. 196) ראה סנהדרין נח, ב. רמב"ם הל' מלכים ספ"ט. 197) ראה כש"ט הוצאת קה"ת ואילך. וש"נ.



הנחת הת' בלתי מוגה

שליהותו בעולם, צו מקיים זיין די שבע מצוות און (דורך דערויף) דינען אידן - בלייבט ער א מציאות; בשעת ער טוט עס אבער ניט - ווערט ער גלייך אוים מציאות.

און וויבאלד אז לע"ל וועט דער אמיתיה המציאות פון אלע ענינים זיין בגילוי, "ונגלה כבוד ה׳ גו׳"[198] - דערפאר וועט מען דעמולט זעהן בגלוי אז כל מציאותם פון גוים איז בשביל ישראל, ווי ער דערציילט אין דער הפטורה,

און "הגוי אשר לא יעבדוך", דער גוי וואס וועט ניט טאן שליחותו צו דינען אידן, איז אפילו אויב ער איז ניט שולדיק אין דעם, ער האט דאס ניט געקענט טאן - אעפ"כ איז "יאבדו", ער ווערט אוים מציאות, ע"ד ווי די בלעטל נאך דערויף וואס זי האט ממלא געווען הפקידה ושליהותה.

עא. דאס איז אלץ גערעדט געווארן בנוגע צו גוים; בנוגע צו אידן אבער זאגט דער אויבערשטער "ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה": אידן זיינען העכער פאר אלע גוים,

און ווי רש"י זאגט אויף "האמרת והאמירך" (וואס "ולתתך עליון על כל הגוים" קומט בהמשך לזה), אז דאס איז "לשון הפרשה והבדלה" - אידן זיינען מופרש און מובדל פון אלע פעלקער, ד.ה. אז זיי זיינען אין אן אנדער סוג בכלל, און זיי זיינען מרומם ומנושא פון אלע גוים, וואס דערפאר איז אפילו דער עקב פון א אידן איז העכער פאר דעם ראש פון א גוי.

לפ"ז ווערט אבער א שאלה: ווי קען מען זאגן "ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה", ד.ה. אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען אז אידן זאלן זיין "עליון על כל הגוים" - אידן זיינען דאך אין אן אנדער סוג וואס איז מרומם ומנושא פון אלע גוים - האט דאך דער אויבערשטער כביכול קיין ברירה ניט געהאט?

איז דער ביאור בזה, אז דאס גופא וואס אידן זיינען אין אן אנדער סוג פון גוים, איז ניט דערפאר וואס "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[199], נאר "ה׳ אלקיך . . הוא הנותן לך כח לעשות חיל"[200]:

עב. וואס דערפאר דארף דער עניך פון "ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה" ניט ארויסברענגען א הרגש פון גאוה ביי א אידן, ווארום דאס האט דער אויבערשטער געטאן ("לתתך"),

- און -

---

198) ישעי׳ מ, ה. 199) ל׳ הכתוב - עקב ח, יז. וראה סמ"ג כל"ת סד. 200) ל׳ הכתוב - שם, יח.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

און ס'איז דא דער ענין פון "דינא דמלכותא דינא"[201], און "קבל האמת ממי שאמרו"[202], אפילו פון א גוי, ווארום אויך זיי האבן מעלות,

ואדרבה - בשעת דער אויבערשטער האט געזאגט (אין פ' יתרו בא מ"ה) "והייתם לי סגולה מכל העמים" האט ער גלייך צוגעגעבן דעם טעם אויף דערויף - "כי לי כל הארץ", ד.ה. אז מ'זאל ניט מיינען אז דער אויבערשטער האט קיינעם ניט און דערפאר קלייבט ער אויס אידן, נאר "לי כל הארץ", ער האט אלע גוים[203],

וואס דערפאר דארף דער ענין פון "ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה" ניט ארויסברענגען א הרגש פון גאוה ביי א אידן - דאס דארף אבער ארויסברענגען ביי א אידן אז ער זאל וויסן די אחריות און תפקיד וואס ער האט.

ביחד עם זה דארף ער אבער אויך וויסן אז ער האט ניט פון וואס צו נתפעל ווערן פון גוים, ווארום דער אויבערשטער האט אים אויסגעקליבן ער זאל זיין א "סגולה מכל העמים", און "עליון על כל הגוים", און בכל יום וועו א איד שטייט-אויף וואס דעמולט איז ער א "ברי' חדשה"[204], מאכט ער די ברכה "שלא עשני גוי",

וואס דאס מאכט ער בכל יום ויום אפילו נאך דערויף וואס ער האט אזוי פיל יארן מקיים געווען הומ"צ - ווארום דער אויבערשטער איז דער וואס האט אים ניט געמאכט פאר קיין גוי, "שלא עשני גוי", במילא דארף ער אלעמאל בענטשן דעם אויבערשטן אויף דעם וואס ער האט אים געמאכט פאר א "סגולה מכל העמים", "להיות לו לעם סגולה".

עג. און ווי רש"י טייטשט אפ אין פ' יתרו (וואס דערפאר דארף ער דאס ניט זאגן נאכאמאל בפרשתנו), אז "סגולה" מיינט: "אוצר חביב כמו וסגולת מלכים[205], כלי יקר ואבנים טובות שהמלכים גונזים אותם", און דערצו גלייכט מען צו אידן, "כך אתם תהיו לי סגולה משאר אומות".

וואס וויבאלד אז דאס איז א משל (אויף אידן) וואס שטייט אין תורה, דארף דאס זיין בתכלית הדיוק. דארף מען פארשטיין:

דאס וואס רש"י זאגט אז "סגולה" איז אן "אוצר חביב . . כלי -

---

201) גיטין י, ב. וש"נ. 202) ראה רמב"ם בהקדמתו לאבות (שמונה פרקים). הרמ"א בהקדמתו לספרו מחיר יין. 203) ראה פרש"י עה"פ שם. 204) שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ב ס"ד ס"א. 205) ל' הכתוב - קהלת ב, ח.



הנחה הת' בלתי מוגה

כלי יקר ואבנים טובות שהמלכים גונזים אותם" איז ע"ד ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר אין דעם המשך ההילולא[206], אז בא דעם מלך זיינען פאראן "סגולות האוצרות דהון יקר הנאסף והנקבץ במשך כמה שנים מדור אחר דור ואשר מעולם לא השתמש מזה לשום דבר, וכמוס וחתום מעין כל רואה", און בשעת עס קומט צו א מלחמה איז צוליב נצחון המלחמה איז ער מבזבז כל האוצרות.

איז לכאורה ניט פארשטאנדיק:

וואס פאר א פעולה טוען אויף די אוצרות בשעת די מלכים באהאלטן זיי, ביז אין אן אופן אז זיי זיינען "כמוס וחתום מעין כל רואה"?

בשעת מ'לייגט אריין די אבנים טובות אין דעם כתר אדער טבעת המלך - גיט עס צו אין הדר מלבותו (ווארום א כתר איז א חלק פון הדרת המלך[207]); בשעת אבער ער באהאלט דאס אז קיינער זאל דאס ניט זעהן, איז ניט פארשטאנדיק וואס פאר א תפקיד האט דאס דעמולט, ווארום דער יופי דערפון זעט קיינער ניט, וויבאלד אז דער מלך האט עס באהאלטן.

און דאס וואס בשעת א מלחמה איז ער מבזבז די אוצרות - איז דאס ניט קיין תפקיד פון די אוצרות, נאר אדרבה - דאס איז גאר אן ענין פון בזבוז צוליב נצחון המלחמה -

האט דאך דער מלך געדארפט באהאלטן אנדערע זאכן וואס תפקידם איז ניט דער ענין היופי, אבער ניט די ענינים, וואס בשעת מ'באהאלט זיי האבן זיי לכאורה קיין תפקיד ניט.

עד. איז דער ביאור בזה:

עס זיינען דא אבנים טובות און אוצרות וואס זיינען במיוחד אויף אריינשטעלן אין דעם כתר המלך בכדי צו מוסיף זיין אין הדרת המלך;

עס זיינען אבער אויך דא אוצרות וואס זייער תפקיד איז ניט אז מ'זאל זעהן זייער יופי, זיי זיינען ניט קיין אמצעי פאר א צווייטע זאך, נאר זיי זיינען א זאך פאר זיך אליין.

עה. וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אין דעם נמשל - בנוגע צו אידן, דער "עם סגולה":

"את ה' האמרת היום להיות לך לאלקים" איז דאך דער

- ענין -

---

206) באתי לגני ה'שי"ת פי"א. וראה גם שם פי"ד ופי"ט.

207) ראה רמב"ם הל' מלכים פ"ב ה"ה.

ענין פון הכתרה, דער ענין פון "המליכוני עליכם"[208], וואס אידן זיינען מכתיר דעם אויבערשטן אז ער זאל זיין זייער מלך,

און "ה' האמירך היום להיות לו לעם סגולה" איז דער ענין פון "במי[209] נמלך בנשמותיהן של צדיקים", אז דער אויבערשטער נעמט-אן דאס וואס אידן האבן אים מכתיר געווען אלס א מלך, און ער קלייבט זיי אויס צו זיין זיין "עם סגולה".

שטעלט זיך דא די שאלה:

דערפון וואס מ'זאגט "במי נמלך בנשמותיהן של צדיקים" איז א ראי' אז אידן זיינען שוין דארטן געווען פון פריער, און דערנאך האט דער אויבערשטער מיט זיי נמלך געווען - וואס לכאורה וואס האבן זיי דארטן געטאן פון פריער, וואס איז דארטן זייער תפקיד?!

איז דער פירוש אין דעם - אז אין יענער דרגא (פאר "במי נמלך") דארפן אידן גארניט טאן, ווארום זיי זיינען ער אליין, זיי זיינען "הוא" - עצמות ומהות אליין!

און ווי דער מגיד שרייבט בספרו[210], אז אידן זיינען חקוק בעצמותו (במחשבתו פון דעם אויבערשטן) נאך פאר דעם "במי נמלך", ע"ד ווי צורת הבן איז חקוק אין מוח האב,

דערנאך ווערט דאס טאקע נמשך אין "נעשה אדם בצלמינו כדמותינו", אויף מאכן א דירה לו יתברך בתחתונים, אבער פאר דערויף איז ער אליין זאך מיט עצמו, און דארטן פירט ער אודאי אויך דורך א שליחות - די שליחות פון זיין שעשועים לפניו ית', און דאס אליין איז זיין תפקיד און שליחות, ניט אז איינער דארף אים זעהן וכיו"ב, נאר אז ער זאל זיין מיט דעם מלך אליין, "נעלמה מעיני כל חי", און דאס גופא איז זיין מציאות.

און דאס גייט אויף כל ישראל, ווארום כל ישראל איז "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"[211], וואס "כעשה ידי" באווייזט אז ער איז איין זאך מיט דעם אויבערשטן, און "להתפאר" איז דער ענין פון שעשועים לפניו.

וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו תורה, וואס "זאת התורה אדם"[212]: די תורה איז "שעשועים גו' לפניו"[213] און "נעלמה

- כעיני -

---

208) ר"ה טז, א. לד, ב. וראה אוה"ת פרשתנו ס"ע התרנט.
209) ב"ר פ"ח, ז. רות רבה רפ"ב. 210) אוה"ת (הוצאת קה"ת) ב, ג. וראה הנשך הער"ב ח"ב ס"ע התקב ואילך. 211) ישעי' ס, כא. סנהדרין צ, א. 212) חקת יט, יד. וראה סד"ה כשבני (הא') תש"א. 213) משלי ח, ל.

מעיני כל חי"[214], ע"ד ווי דער ענין פון "ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה",

און די אלע דריי, דער אויבערשטער, תורה און אידן זיינען איין זאך - "קוב"ה אורייתא וישראל כולא חד"[215].

און אע"פ אז יעדער איד איז נאר א חלק פון עצמות (ווארום ער איז נאר איין איד און נים אלע אידן) - איז דאך אבער ידוע מאמר הבעש"ט[216] (און אמאל ברענגט זיך דאס בשם פון בעש"ט בשם הרס"ג), אז "כשאתה תופס במקצת (אדער בחלק[217]) מן העצם אתה תופס בכולו", וואס דערפאר איז אפילו אויב א איד איז נאר א "חלק" אדער א "מקצת" פון עצמות איז ער "תופס בכולו".

ער. דער עיקר איז דאך דער מעשה בפועל, ווארום "המעשה הוא העיקר":

המבואר לעיל איז מדגיש אויף וויפל עס דארף זיין אהבת ישראל צו יעדן אידן, וויבאלד אז יעדער איד איז א חלק פון דעם "עם סגולה" פון דעם אויבערשטן, מיט די אלע פרטים המדוברים לעיל.

אזן ס'איז דאך ידוע די אהבת ישראל וואס דער בעש"ט האט געהאט פאר יעדן אידן, און ווי ער האט געמאנט אז אנדערע זאלן דאס אויך האבן, ביז אויך די אהבת ישראל וואס דער אלטער רבי האט געהאט און געמאנט, און אזוי אויך די נשיאים ממלאי מקומו, ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר,

וואס ער האט מפרסם געווען דעם ענין פון אהבת ישראל בכל העולם כולו, אין דעם "מבצע אהבת ישראל",

און פון "מבצע אהבת ישראל", קומט מען צו "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה", און דער ענין פון "מיהו יהודי", און דער ענין פון ארץ ישראל לגבולותי', אז מ'זאל נים אפגעבן אף-שעל פון ארץ ישראל, "ארץ טובה ורחבה . . ארץ זבת חלב ודבש"[218],

אזן מבטל זיין דעם "יצרו אנסו" וואס איז דא ביי א איד וואס דורך דערויף ווערט אויך "יצרו אנסו" ביי א גוי, אז ער זאל נים זיין ווי ער דארף זיין,

- ואדרבה -

---

214) איוב כח, כא. 215) ראה זח"ג עג, א. 216) המשך הרס"ו ע' תקכב. ובב"מ. 217) ראה סה"ש תש"א ע' 32 הע' 19 (מתוי"י פ' יתרו מצות אנכי). 218) שמות ג, ח.



הנחת הת' בלתי מוגה

ואדרבה - דאס וואס מ'האט יע אפגעגעבן זאל מען צוריק אומקערן, ביז אז עס וועט בקרוב ממש זיין דער "ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[219], אז מ'וועט אויך באקומען ארץ קיני קניזי וקדמוני [220] (כמדובר כמ"פ),

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

עז. דער ביאור אין דעם וואס אויך "אתם נצבים היום" גייט אויף ר"ה, כאטש אז עס שטייט נאר "היום" און ניט "היום הזה":

מ'האט פריער גערעדט (סנ"א) אז ר"ה איז די בחי' פון "זה", און כ"ה אלול איז די בחי' פון "כה", און דערפאר גייט "היום הזה" אויף ר"ה.

דערפון איז פארשטאנדיק אז "היום" (סתם, אן דעם ווארט "הזה") איז דאס ע"ד ווי די בחי' פון "כה".

וואס דאס, אז די צוויי בחינות, "כה" ("היום") און "זה" ("היום הזה"), זיינען כ"ה אלול און ר"ה - איז בכללות; אבער בפרטיות איז אין ר"ה גופא פאראן ביידע ענינים.

דער ביאור בזה וועט מען פארשטיין דערפון וואס ער איז מבאר אין דעם המשך הדרוש ד"ה היום הזה ה' אלקיך מצוך גו' אין לקו"ת (ווי דערמאנט פריער):

ער איז דארטן [221] מבאר דעם מאמר פון "נעשה אדם בצלמינו כדמותינו", אז "צלמינו" איז "בחי' עצמיות ומהות ממש", און "כדמותינו" איז שוין אן ענין פון "דמות וציור" וואס דאס איז ניט דער "עצם הדבר ומהותו", וואס דאס איז ע"ד דער חילוק צווישן "זה" און "כה".

און אין דעם אדם איז דאס דער חילוק צווישן דער נשמה מיטן גוף, די נפש האלקית מיט דער נפש הבהמית, עצם הנשמה און מהות הנפש.

און וויבאלד אז דער מאמר "נעשה אדם בצלמינו כדמותינו" איז געזאגט געווארן בר"ה - איז פארשטאנדיק אז אויך אין ר"ה זיינען פאראן די צוויי בחינות פון "בצלמינו", "זה", און "כדמותינו", "כה".

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "היום" ("אתם נצבים היום"). וואס "היום" איז בחי' "כה" (כנ"ל) - אז אויך דער ענין פון "היום" (אן דעם ווארט "הזה") איז דא

- אין -

------------

219) ראה יב, כ. שופטים יט, ח. 220) ספרי ופרש"י עה"פ שופטים שם. 221) מב, א ואילך.

אין ר"ה [וו]י עס שטייט אויך אין זהר[222], און דערפאר זאגט דער אלטער רבי אז "אתם נצבים היום" גייט אויף ר"ה.

עח. וויבאלד אז ר"ה איז (בכללות) בחי׳ "זה", איז פארשטאנדיק אז די בחי׳ פון "כה" ווי דאס איז בר"ה איז העכער ווי דאס איז כצ"ע (בכ"ה אלול), וויבאלד אז דעמולט (בר"ה) איז "כה" א חלק פון "זה".

ועפ"ד המבואר אין סידור שער התקיעות אין דעם דרוש להבין ענין הק"ש ע"פ כוונת הבעש"ט ז"ל[223], אז בר"ה איז די עלי׳ נאר אין פנימיות העולמות ניט אין חיצוניות העולמות, וואס דערפאר ווערט דעמולט די וועלט ניט נתבטל ממציאותה;

ביחד עם זה אבער איז (ווי ער איז דערנאך ממשיך) וויבאלד אז בר"ה ווערט נמשך פון פנימיות העולמות (פון התענוג ורצון וכו׳) פועל׳ט עס אויך אז חיצוניות העולמות זאלן זיין באופן אחר, אז די ההוות פון חיצוניות העולמות זאל ניט זיין אין אן אופן פון רפיון ידים.

א דוגמא לדבר:

חסידות איז מבאר[224] אז ס׳איז דא דצח"מ כללי בעולם, און עד"ז איז דא דצח"מ אין דעם מדבר גופא, און מ׳איז דערצו גלייך מוסיף אז סוג הדומם אין א מדבר איז א סאך העכער ווי דומם הכללי אין וועלט, ועד"ז בנוגע צו די אנדערע סוגים, וכמובן גם בפשטות.

וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו בחי׳ "כה" ווי זי איז נכלל אין בחי׳ "זה" לגבי ווי זי איז מצ"ע.

עט. יעדער ענין וויל מען אויך האבן דוגמתו אין נגלה דתורה:

דער רמב"ם זאגט אין הלכות דעות[225] "כשם שהחכם ניכר בחכמתו ובדיעותיו והוא מובדל בהם משאר העם, כך צריך שיהי׳ ניכר במעשיו, במאכלו ובמשקהו וכו׳", ביז - אויך בשינתו[226].

וואס דער חידוש בזה איז, ניט אז בשעה דער חכם לערנט תורה איז ניכר אז ער איז א חכם אנדערש פון שאר בני אדם - ווארום מאי קמ"ל, עד איז דאך א <u>חכם</u>, ועד"ז בשעת ער מאכט א ברכה אויף אכו"ש - איז אויך מאי קמ"ל אז דאס איז ביי אים אנדערש ווי בא שאר בני אדם, ווארום ער איז מכוין כוונות און מאכט די ברכה מיט א התלהבות וואס איז מתאים דערמיט וואס ער איז א חכם;

- דער -

------------

222) זח"ב לב, ב. 223) רמו, ג. 224) ראה סה"מ תש"ב ע׳ 127. ובכ"מ. 225) רפ"ה. 226) רמב"ם שם ספ"ג.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

דער חידוש דא איז, אז ווען א חכם טוט ענינים וואס אנדערע מענטשן טוען גלייך ווי ער - איז אויך ניכר אז ער איז א חכם:

בשעת ער עסט, וואס דאס איז דאך בשוה בא יעדער מענטש, ביז אויך ביי א גוי - איז ניכר אין זיין עסן אז ער איז א חכם.

ביז אז אפילו ווען ער עסט מיט א גוי צוזאמען בא דעם זעלבן טיש [וואס ס'איז ניטא קיין איסור אז א איד טאר ניט עסן בא דעם זעלבן טיש מיט א גוי, און אז מ'זאל דערלאנגען די זעלבע כשר'ע עסן וואס דער איד עסט אויך צו דעם גוי. וכמובן אויך דערפון וואס אין ברכת המזון שטייט (אין א הצאי עיגול) "בני בריה"[227],

וואס ביידע פון זיי עסן בגשמיות אין דעם זעלבן אופן - פונדעסטוועגן איז ניכר באכילהו אז ער איז א חכם.

ועד"ז - זאגט דער רמב"ם - איז א חכם ניכר אין אלע ענינים וואס ער טוט ווי שאר בני אדם, ווי ער רעכנט דארטן אויס בפרטיות, ביז אויך בשינתו, וואס אלע מענטשן, אויך גוים, שלאפן דאך - אעפ"כ איז א חכם ניכר בשינתו,

און דאס איז ניט נאר ביי א חכם א זכר, וואס אויף אים קען מען נאך זאגן אז ס'איז ניכר אז ער שלאפט אנדערש ווי א גוי דורך דערויף וואס ער שלאפט מיט א יארמולקע - נאר אויך ביי א אידישע מיידל, וואס זי שלאפט ניט מיט א יארמולקע - איז אויך ביי איר ניכר אז זי איז א חכמה.

פ. א מאמר המוסגר:

עס זיינען דא די וואס קאכן זיך לעצטנ'ס אז נשים זאלן ווערן רבנים,

און דערנאך האט מען יורד געווען בדחי אל דחי, און מ'וויל איצטער אז נשים זאלן אויך לייגן תפילין.

וואס דער (איש) וואס קאכט זיך אין דעם - לייגט ניט קיין צוויי פאר תפילין, און ניט-אום-חודש-אלול געערדט - איז א ספק צי ער לייגט אפילו איין פאר תפילין; אין וואס קאכט ער זיך אבער - אז אן אשה זאל לייגן תפילין, עס זאל ה"ו ניט זיין אן ענין פון היפך הצדק והיושר וואס מ'מאכט א הבדל צווישן מענער מיט פרויען!

עד כאן רעם מאמר המוסגר.

- פא. -

---

227) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סקפ"ט ס"ד. סמג"א שם סק"א.

הנחה הת' בלתי מוגה

כא. וואס דאס איז ע"ד ווי גערעדט פריער (סע"א) אז א איד איז אין אלע זיינע ענינים אנדערש ווי א גוי, ווארום דער אויבערשטער האט אים אויפגעהויבן העכער פאר אלע אנדערע גוים, "לתתך עליון על כל הגוים", ובמילא איז אפילו די ענינים פון א אידן וואס בחיצוניותם זיינען זיי בדומה צו דעם וואס א גוי טוט, אכילתו ושתיהו וכו' - אויך אין דעם איז ניכר אז ער איז א איד וואס איז העכער פאר א גוי.

ביז אז אויך דער עקב פון א איד איז העכער פאר דעם ראש פון א גוי - ווארום וויבאלד אז דער גאנצער איד איז א העכערער, במילא זיינען אלע זיינע חלקים העכער.

איינער האט מיר אמאל געשריבן וועגן אן ענין פון גירות. האב איך אים צוריקגעשריבן אז מ'דארף מאכן זיכער אז דער גיור זאל זיין ע"פ הלכה און אז בא דעם גר זאל זיין קבלה כל המצוות[228].

האט ער מיר געזאגט, אז זיין שנור, וואס האט זיך מגייר געווען ניט ע"פ הלכה, איז א שומרת כל התורה ומצוותי', משא"כ זיין טאכטער, וואס זי איז א בת ישראל וישראלית, פירט זיך קאפויר פון תומ"צ.

האב איך אים געזאגט, אז אעפ"כ דארף זיין שנור זיך מגייר זיין ע"פ הלכה און מקבל זיין אלע מצוות, און עס העלפן ניט קיין אנדערע ענינים, ווארום אין דעם זעלבן שו"ע וואס זי (זיין שנור) היט שטייט אז זי איז א אינה יהודית, משא"כ זיין טאכטער איז א אידישע אן קיינע שאלות.

ווארום אזוי האט דער אויבערשטער בוחר געווען, אז א איד, אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל נאר שטיין, איז בעצם העכער פאר א גוי, און דערפאר זיינען אלע זיינע חלקים, ביז זיין עקב שברגל, העכער פאר דעם גוי, וויבאלד אז דאס זיינען חלקים פון דעם זעלבן אידן.

כב. וואס דאס איז ע"ד המדובר לעיל, אז די בחינה פון "כה" ווי זי איז בר"ה, איז דער בחינה פון "זה" - איז העכער פאר דער בחינה פון "כה" ווי זי איז מצ"ע (בכ"ה אלול), וויבאלד אז דעמולט איז זי א חלק פון בחינת "זה".

ווי מ'געפינט דאס אויך אין נגלה דתורה:

רז"ל[229] זאגן אז "כל הנביאים נתנבאו בכה מוסיף עליהם משה שנתנבא בזה". - ד.ה. -

------------

228) ראה אנציקלופדי' תלמודית ע' גרות ס"א. וש"נ.

229) ראה ספרי ר"פ מטות.

ד.ה. אויך משה רבינו האט מהנבא געווען כמה נבואות ב"כה" - ווי "ויאמר משה כה אמר ה' כחצות הלילה אני יוצא בתוך מצרים"[230], ועוד; בעיקר איז אבער זיין נבואה געווען ב"זה", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויך זיינע נבואות ב"כה" זיינען געווען העכער ווי די נבואות ב"כה" פון שאר הנביאים, וויבאלד אז ביי אים איז די נבואה ב"כה" א חלק פון זיין נבואה ב"זה".

ע"ד ווי דצח"מ איך דעם מדבר גופא, און היצוניות העולמות ווי זיי זיינען בר"ה, און אכו"ש און אלע ענינים גשמיים ווי זיי זיינען ביי א הכם.

פג. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

בשעה מ'גייט אהוים רעדן מיט א אידן, דארף מען מיט אים רעדן וועגן זיין מעלה, אז ער איז פון די אויף וועמען דער אויבערשטער זאגט "נעשה אדם בצלמינו כדמותינו", און נאכמער - ער איז א איד וואס איז בכלל אן אנדער מהות פון שאר בני אדם, ווארום דער אויבערשטער האט אים אויסגעקליבן ער זאל זיין "עליון על כל הגוים" און אן "עם סגולה".

טענה'ט ער: יענער איד מיט וועמען ער דארף רעדן האט לבושים חיצונים וואס זיינען בבחינת "כה" און ניט בבחינת "זה", ווארום יענער איז דאך א קינד, א קינד בשנים, אדער א קינד בידיעות, און בכדי צו פועל'ן אויף אים דארף ער אים געבן ממתקים אדער ממון אדער כבוד אדער צוזאגן עוה"ב (בלשון פון דעם רמב"ם אין פירוש המשניות[231]), ובלשון העולם - ער דארף אים געבן א "פרייז" וכיו"ב - איז דאך דאס א ירידה גדולה פאר אים צו רעדן מיט יענעם אידן!

זאגט מען אים, אז די לבושים היצוניים, זיינען לבושים חיצונים, "כה", "כדמותינו", פון א איד, פון איינעם וואס איז "עליון על כל הגוים", פון איינעם וואס איז בבחינת "זה", מ'דארף נאר בכשיך זיין די בחינה פון "זה" פון דעם אידן אין דער בחינה פון "כה" וואס איז ביי אים דא.

טענה'ט ער ווייטער: ער וויל אבער פארט ניט האבן צוטאן מיט "כדמותינו", מיט "כה", ובפרט נאך אין חודש אלול, וואס דעמולט געפינט ער זיך מיט דעם מלך צוזאמען - איז וואס הייסט ער ווערט גיין פארנעמען זיך מיט אנדערע, ער דארף זיך פארנעמען מיט דעם מלך!

זאגט מען אים - אדרבה: אין חודש אלול געפינט זיך דער - מלך -

------------

230) בא יא, ד. 231) סנהדרין פ' חלק ד"ה וכה תמיעיה.

הנחה הת' בלתי מוגה

מלך בשדה[232], במילא האט ער צוטאן אפילו מיט אן איש שדה, מיט א פעלד-מענטש - איז אויב דער איד וויל האבן צוטאן מיט דעם מלך בחודש אלול, קען ער ניט האבן צוטאן מיט אן איש מן האישים וואס געפינט זיך אין א מקום ישוב, אדער אין עיר הבירה, אדער אין היכל המלך - ווארום דער מלך געפינט זיך דארטן ניט דעמולט, נאר ער געפינט זיך בשדה מיט די אנשי השדה - נאר ער דארף גיין בשדה און האבן צוטאן מיט די פעלד-מענטשן וואס געפינען זיך דארטן.

און וויבאלד אז דער מלך געפינט זיך בשדה איז ער "נצב עליו ומלוא כל הארץ כבודו ומביט עליו ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי"[233]: דער אויבערשטער שטייט לעבן אים, און זעט ווי ער רעדט מיט דעם צווייטן אידן, און צי ער רעדט מיט אים באופן המתאים אדער ער רעדט מיט אים שארפע רייד,

און דער מלך שיקט ניט קיינע שלוחים און מלאכים צו זאגן אים ער זאל רעדן מיט דעם צווייטן אידן ובאופן המתאים - נאר דער מלך אליין שטייט בשדה און זאגט אים אז ער דארף זיך אזוי פירן, און דערנאך קוקט ער זיך צו צי ער פירט זיך טאקע אזוי.

אין אנדערע ווערטער: אין חודש אלול דארף ער ניט אנקומען צו דעם אז ווען ער וועט אהיים-קומען וועט אים רער אייניקל פרעגן צי ער האט געטאן אין מבצעים - נאר דער מלך אליין קומט צו אים און דערמאנט אים אז ער דארף טאן אין מבצעים.

פד. דערפאר איז איצטער נאכאמאל די געלעגנהייט צו דערמאנען וועגן די מבצעים, ווי פריער אויסגערעכנט בפרטיות.

ובפרט וועגן דעם ענין פון "כולל תפארת זקנים - לוי יצחק", און "תפארת חכמות נשים", ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות[234].

און ווי מ'האט אויך מדגיש געווען אז מיט דערויף זאל אנפירן דער מרא דאתרא פון דער שול, אדער פון דער שכונה וכיו"ב,

וואס לפלא זיינען נאך דא כמה ערטער וואו מ'האט מייסד געווען דעם כולל, אבער מסיבות שונות האט דארטן דער מרא דאתרא דערמיט ניט צוטאן - דארף מען זעהן אז אויך אין די

- ערטער -

------------

232) לקו"ת ראה לב, ריש ע"ב. 233) תניא רפמ"א.

234) שיחות ש"פ ומוצאי ש"פ עקב, כ"ף מנ"א. ש"פ ראה, מבה"ח אלול. ר"ח אלול. יום ג', י"ד אלול - שנה זו.



הנחה הת' בלתי מוגה

ערָסער זאל דער מרא דאתרא האבן צוטאן מיט דעם כולל.

ועד"ז דארף דער מרא דאתרא אויך האבן א שייכות מיט "הפארת חכמות נשים" (וואס אויך אויף נשים איז ער דער מרא דאתרא).

און אויב דער מרא דאתרא אליין ווערט ניט נתעורר בזה, דארפן אים זיינע בעלי-בתים מעורר זיין אויף דערויף, וואס דעמולט וועט ער זיכער האבן די אחריות אויף צו טאן;

און אויב זיי מאנען ביי אים ניט - דארף ער וויסן אז די אחריות אויף אים איז נאך א גרעסערע, ווארום דעמולט איז די רחמנות אויף זיינע בעלי-בתים נאך א גרעסערע, וויבאלד אז זיי מאנען ביי אים אפילו ניט.

און דער מרא דאתרא דארף ניט שלאפן אין אן אופן פון "ושכבת וערבה שנתך"[235], וואס ער קען דאך מאכן א חשבון, אז אזוי ווי ער איז א ת"ח און "ת"ח איקרי שבת"[236] - מאכט ער א גזירה-שוה "שבת" "שבת", אז אזוי ווי "שינה בשבת תענוג"[237], אזוי דארף ער (וואס ער איז "איקרי שבת") אויך שלאפן!

זאגט מען אים: ווי קענסטו שלאפן בשעת אז דו האסט כו"כ בעלי-בתים וואס דארפן דיר האבן?!

פה. עד"ז דארף מען אויך טאן אין "והשיב לב אבות על בנים"[238], אז עס זאל זיין "כפי עוללים ויונקים יסדה עוז גו' להשביה אויב ומתנקם"[239], ובפרט אין דעם איצטיקן זמן.

און מ'דארף טאן אין דעם אין אן אופן ווי דער בעש"ט האט אין דעם געטאן, אין א בעל-שם'סקע הנהגה, וואס בשעת א איד פירט זיך מיט א בעל-שם'סקע הנהגה, ווערן אויפגעטאן בעל-שם'סקע ענינים אין וועלט;

ווי ס'איז ידוע די סיפורים וועגן ענינים וואס דער בעש"ט פלעגט פועל'ן אין וועלט, און אין אלע סוגים פון וועלט - פון סוג החי ביז אין סוג הדומם.

וכידוע דער סיפור ווי דער בעש"ט האט גע'פועל'ט אויפן סוג החי: אמאל איז מען געווען אין פעלד און ס'איז געקומען זמן מנחה - האט זיך א ציג אוועקגעשטעלט אויף אירע אונטערשטע פיסלעך און פני' למעלה.

ועד"ז איז דא דער סיפור ווי דער בעש"ט האט גע'פועל'ט

- אין -

---

235) ל' הכתוב - משלי ג, כד. 236) זח"ב כט, א.
237) יל"ר עה"פ ואתחנן ד, יט. סידור "קול יעקב".
238) מלאכי ג, כד. 239) תהלים ח, ג.

אין סוג הדומם: ער האט גע׳פועל׳ט אז זיינע ציצית זאלן זיך שאקלען, דורך דעריוף וואס ער האט זיי געמאכט פאר א דבר חי, וכתורת המגיד[240] אויפן פסוק[241] "וחי בהם" - אז א איד איז ממשיך חיות אין די מצוות.

וואס עד"ז בשעת א איד פירט זיך אין אן אופן ווי דער בעש"ט האט זיך געפירט, קען ער אויפטאן מעין ודוגמא ווי דער בעש"ט האט אויפגעטאן - ער האט בכח צו פועל׳ן אין אלע סוגים, אין דומם צומח חי מדבר:

אע"פ וואס ציצית זיינען פון סוג הדומם - פועל׳ט ער אז אין זיי זאל זיין חיות, און אע"פ אז א ציג איז פון סוג החי, זי איז ניט קיין מענטש און זי האט ניט קיין נשמה - פועל׳ט ער אז ווען עס קומט זמן מנחה זאל זיך די ציג אוועקשטעלן אויף אירע אונטערשטע פיסלעך און פני׳ למעלה.

וואס דאס האט א איד בכח צו טאן וויבאלד אז אים האט דער אויבערשטער אויסגעקליבן "לתתך עליון על כל הגוים", אז ער זאל זיין אן אנדער מהות פון גוים, ובמילא איז אלץ וואס קומט מיט אים אין בארירונג, סוג החי, סוג הצומח און סוג הדומם - ווערט נתעלה אויף זיין דרגא,

ע"ד ווי גערעדט פריער (סע"ת) אז דצח"מ ווי זיי זיינען אין דעם מדבר גופא - זיינען אויף דער דרגא פון דעם מדבר, ע"ד ווי די מעשים פון א חכם זיינען אויף דער דרגא פון דעם חכם.

פו. דער ענין פון טאן מיט קינדער, אז עס זאל זיין "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז" - מיינט בפשטות:

וויבאלד אז עס האבן זיך איצטער געענדיקט די מחנות קיץ - פארשרייבט מען דאך די קינדער אין וועלכן בית-ספר זיי זאלן גיין,

איז בנוגע צו די קינדער וואס זיינען פארשריבן געווארן אין ישיבות וואס זיינען מיוסד אויף א חינוך הכשר און חינוך על טהרת הקודש - דארף מען זיי מעודד זיין אז זיי זאלן לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות.

און בנוגע צו די קינדער וואס מ׳האט זיי נאך ניט פארשריבן אין אזא בית-ספר, אדער מ׳האט זיי פארשריבן אין א מקום הפכי - דארף מען מיט זיי רעדן אז זיי זאלן דאס איבערבייטן און זיך פארשרייבן אין א בית-ספר מיוסד אויף חינוך הכשר און חינוך על טהרת הקודש.

- און -

------------

240) לקו"ת להה"מ - הוצאת קה"ת - סרכ"ז (נה, א).

241) אחרי יח, ה.

און בשעת מ'ווען רעדן "דברים היוצאים מן הלב" [242] - ווען מען זיכער פועל זיין אז "ברגעא חדא" [243] זאל זיך מהפך זיין דער מצב מן הקצה אל הקצה, אז אנשטאט גיין אין א בית-ספר שלא כדבעי וועט ער גיין אין א ביה-ספר כדבעי.

פז. מ'האט פריער גערעדט (סע"ז ואילך) אז בר"ה איז דא אויך די בחינה פון "כה", און דעמולט איז זי אויף א העכערע דרגא ווי זי איז מצ"ע, און ווי אויך גערעדט די הוראה דערפון אין עבודת האדם.

וואס דעם ענין (אז בר"ה איז אויך דא די בחינה פון "כה") זעט מען בפשטות אין דער הנהגה וואס דארף זיין בר"ה:

בנוגע צו ר"ה איז דער דין [244] אז דעמולט דארף זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים" (ווי עס שטייט אין עזרא[245]).

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: ר"ה נעמט מען אן דעם אויבערשטן אלם א מלך - האט מען לכאורה דעמולט געדארפט האבן צוטאן נאר מיט ענינים נעלים וכו' וואס זיינען פארבונדן מיט מלך מלכי המלכים הקב"ה - איז פארוואס זאגט מען אז דעמולט דארף זיין דער ענין פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים", וואס זיי זיינען דאך ענינים גשמיים?

וואס אע"פ אז אין המשך הכתוב (נאך "אכלו משמנים ושתו ממתקים") שטייט דער טעם אויף דערויף: "כי קדוש היום לאדונינו ואל תעצבו כי חדות ה' היא מעוזכם" - ברענגט דאס אבער ניט דער אלטער רבי אין שו"ע שלו, ער ברענגט מערניט ווי דאס אז דעמולט דארף זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים".

[וואס דאס איז ע"ד די שאלה הנ"ל (ספ"ג): בשעת מ'שטייט אין א מצב נעלה, אין דער בחינה פון "זה" - פארוואס זאל מען יורד זיין צו א צווייטן אידן, צו דער בחינה פון "כה"?]

איז דערפון גופא וואס מ'זאגט אז בר"ה דארף זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים" א הוכחה אז אויך בר"ה, ווען מ'שטייט בתכליה העילוי אין רוחניות, דארף זיין דער ענין פון "כה" - "אכלו משמנים ושתו ממתקים".

און וויבאלד אז דאס איז "אכלו משמנים ושתו ממהקים" ("כה") ווי דאס איז אין א טאג ווי ר"ה (בחינת "זה") - איז דאס אויך אויף א העכערע דרגא ווי דער ענין פון אכו"ש סתם.

- פח. -

---

242) ראה ספר הישר לר"ת שי"ג. הובא בשל"ה סט, א.
243) ראה זה"א קכט, סע"א. 244) שו"ע אדה"ז או"ח סתקפ"ג ס"ד. 245) פסוק הוא בנחמי' ח, י. וראה להלן ספ"ח.

פח. בשעה דער אלטער רבי (ועד"ז דער ב"ח[246]) ברענגט דעם פסוק "אכלו משמנים ושתו ממתקים", שרייבט ער: "וכן כתוב בעזרא".

וואס דער פסוק שטייט אין נחמי', און דער טעם פארוואס דער אלטער רבי שרייבט "וכן כתוב בעזרא", איז - לויט דעם וואס די גמרא[247] זאגט, אז "נחמי' . . לא איקרי סיפרא על שמי' . . מפני שהחזיק טובה לעצמו שנאמר[248] זכרה לי אלקי לטובה".

ד.ה. אז אע"פ וואס נחמי' איז דער וואס האט געבויט דעם ביהמ"ק און דארטן געבראכט אידן - וויבאלד אבער אז ער איז דורכגעפאלן אין אן ענין וואס טויג ניט, "שהחזיק טובה לעצמו", איז דער רושם דערפון געבליבן עד סוף כל הדורות, אז "לא איקרי סיפרא על שמי'".

וואס דערפון האט מען א הוראה אויף וויפל מ'דארף זיך היטן פון זאגן "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[249].

ע"כ מאמר המוסגר.

פט. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: פארוואס ברענגט דער אלטער רבי בכלל א מקור אין שו"ע אויף "אכלו משמנים ושתו ממתקים" ("וכן כתוב בעזרא"), בשעה דער דרך פון דעם אלטן רבי'ן איז ניט צו ברענגען מקורות אין זיין שו"ע?

איז דער ביאור בזה:

נוסף לזה וואס "חייב אדם לומר בלשון רבו" און רבו דרבו[250] - דערפאר זאגט דער אלטער רבי "וכן כתוב בעזרא" - איז י"ל אז ס'איז אויך דא א רמז בדבר:

"עזרא" איז מלשון עזר, דער ענין פון אן עזר וסיוע מלמעלה.

ונוסף לזה זיינען דא נאך כמה ענינים וואס זיינען געווען בא עזרא וואס מ'קען זיך פון זיי אפלערנען - בדוגמא ווי די גמרא[251] זאגט אז עזרא איז געווען אין דער דרגא פון משה רבינו, "ראוי הי' עזרא שתינתן תורה על ידו לישראל אילמלא קדמו משה" וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן בשם עזרא הסופר[252],

- און -

------------

246) או"ח שם. 247) סנהדרין צג, סע"ב. 248) נחמי' ה, יט. 249) עקב ח, יז. וראה סמ"ג מל"ת סד. 250) ברכות מז, א. וש"נ. 251) סנהדרין כא, ב. 252) נחמי' ח, א. שם, ד. שם, יג. יב, לו. ועוד.



הנחה הת' בלתי מוגה

און אויך דער ענין וואס עזרא האט מפריש געווען די נשים נכריות[253], וואס דאס איז די שלילה פון דעם ענין פון "מיהו יהודי"].

און אויף דעם איז דער אלטער רבי מרמז מיט ברענגען "וכן כתוב בעזרא" דעם ענין פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים" - אז דער ענין פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים" בר"ה, דער ענין פון "כה" בר"ה, האט מען אן עזר וסיוע מלמעלה ("עזרא"), און דערפאר איז דאס זיכער בהכלית השלימות, כנ"ל.

צ. נאך דערויף וואס עס שטייט "אכלו משמנים ושתו ממתקים", זאגט דער פסוק: "ושלחו מנות לאין נכון לו".

וואס דערפאר איז כאן המקום צו מעורר זיין נאכאמאל אויף דעם ענין פון "שלחו מנות לאין נכון לו", ווי מ'האט געערדט אין די שנים שלפנ"ז[254] - אז מ'זאל העלפן הזקוקים לזה אין צרכי החג, אנהויבנדיק פון די צרכי החג פון ר"ה, אז זיי זאלן קענען מקיים זיין דעם "אכלו משמנים ושתו ממתקים",

און נאך פאר דערויף - העלפן זיי בנוגע צו די סעודות פון שבת סליחות, און נאך דערויף - בנוגע צו די סעודות פון שבת שובה, און פון די עשרה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ, און די סעודות פון ערב יוהכ"פ און מוצאי יוהכ"פ, און דערנאך נאכמער - בנוגע צו די סעודות פון זמן שמחתנו.

ובעיקר איז די הדגשה - בנוגע צו העלפן זיי מיט אכו"ש פאר די העניים פון צום גדליי און יוהכ"פ, וואס דעמולט דארף מען נאכמער אנקומען צו עסן בכדי מ'זאל קענען פאסטן און מיט א גוף בריא, וואס דאס איז דאך א זאך וואס איז נוגע לכאו"א.

וכידוע דער סיפור[255] וועגן איינעם וואס האט געגעסן, האט מען ביי אים געפרעגט פארוואס עסט ער, האט ער געענטפערט בתמימות אז ער עסט בכדי צו האבן א גוף בריא אויף עובד זיין דעם אויבערשטן בהומ"צ.

וואס אפילו אויב א איד עסט סתם אזוי (ניט לשם שמים) - איז דורך עסן דערנאך איין מאל לשם שמים, איז ער מעלה אויך אלע פריערדיקע אכילות.

צא. בהמשך להאמור לעיל, איז כאן אויך המקום צו מעורר - זיין -

---

253) עזרא קאפיטל י. וראה מגילה טו, א. 254) ראה לקו"ש הי"ד ע' 369 ואילך. 255) קובץ ככהבים להלים (אהלי י"י) ע' 216 ואילך. סה"ש תש"ג ע' 72 ואילך.



הנחה הת' בלתי מוגה

זיין וועגן דער מצוה פון הכנסת אורחים, וואס באשטייט אין צושטעלן די אורחים אכילה שתי' און לינה - "אש"ל"[256].

וואס ס'איז א פס"ד ברור אין שו"ע[257] אז דער חיוב פון הכנסת אורחים ליגט אויף די תושבי המקום, און "אין אורח מכניס אורח"[258].

וואס דאס מיינט בפשטות, אז די אלע תושבי המקום דארפן צושטעלן די אורחים אכילה שתי' און לינה,

און דאס טאן אין אן אופן פון "נדיב במבונו בגופו ובנפשו"[259].

און ניט פארלאזן זיך אויף דעם וואס ס'איז דא א איד וואס קומט בידי שנה בשנה כעבר לים, און ביי אים איז דא "טלטולי דגברא", וואס "טלטולי דגברא קשין מאיתתא"[260], און ער איז אויך מטריח דעם "עזר כנגדו"[261] די זאל אויך קומען צופארן, און טוט מיט מס"נ אויף צושטעלן די אורחים מיט אלע ענינים וואס זיי דארפן האבן - אכילה שתי' און לינה.

וזאס ס'איז דאך זיכער אשרי זכותו בזה ובבא, לו ולכל ב"ב ולכל יוצאי חלציו וכו'.

וואס דאס טוט ער אע"פ וזאס "אין אורח מכניס אורח" און דער חיוב אויף די אלע ענינים ליגט אויף די תושבי המקום!

און די תושבי המקום קענען ניט יוצא זיין דערמיט וואס ער טוט, נאר זיי דארפן אליין טאן, און טאן ניט נאר אין אן אופן אז ווען יענער קומט צו אים צוגיין און בעט פון אים הילף - איז ער יוצא דעדמיט וואס ער גיט אים א טשעק, און הייסט אים עד זאל גיין ארומלויפן איבער גאנץ שטאט זוכן פאר די אורחים אש"ל - נאר דער חיוב אויף די תושבי המקום איז צו פשוט צושטעלן אש"ל צו די אורחים.

טענה'ט ער: ס'איז דאך חודש אלול און דער מלך געפינט זיך בשדה - איז ער "ביזי" מיט דעם מלך! און מצד כבוד המלך קען ער ניט גיין האבן צוטאן מיט אורחים זיי באשטעלן מיט אש"ל.

ווען עס קומט אז ער אליין זאל עסן - עסט ער

- געזונטערהייט -

-------------

256) ראה לקו"ש חט"ו ע' 501. 257) יו"ד ר"ס רנו (וראה ש"ך שם ממרדכי ב"ב פ"א סתע"ח). וראה שו"ע אדה"ז או"ח סרמ"ב ס"ד-ה. סתכ"ט ס"ז. 258) ראה ב"ב צח, ב. 259) ראה ארחות צדיקים שי"ז. הובא ונתבאר בסה"מ קונטרסים ח"א כג, א ואילך. ובכ"מ. 260) כתובות כח, א. סנהדרין כו, א. 261) בראשית ב, יח.



הנחת הת' בלתי מוגה

געזונטערהייט, ביז אין אן אופן פון "ושבעת", מיט דער הסברה אז אויב עס וועט ניט זיין "ושבעת" וועט אפשר ניט קענען זיין "וברכת", זאגן ברכת המזון;

ווען עס קומט אבער צו אורחים - איז ער פארנומען מיטן מלך!

זאגט מען אים, אז דאס באפרייט אים ניט פון א דין אין שו"ע, וואס אין דעם דין זיינען ניט שייך קיינע פשט'לעך - מ'דארף פשוט צושטעלן אורחים מיט אש"ל!

ונוסף לזה זאגט מען אים, אז ס'איז א בפירוש'ער מאמר רז"ל[262], אז "גדולה הכנסת אורחים מהקבלת פני שכינה".

דער אויבערשטער ווייסט אבער מיט וואס פאר א בעלי-בתים ער האט צוטאן - האט ער רחמנות אויף די אורחים, און ער האט צוגעשיקט איינעם מעבר לים, אז ער זאל צושטעלן די אורחים מיט די אלע ענינים.

ויה"ר אז די הושבי המקום זאלן זיך לערנען פון אים ווי מ'דארף זיך פירן מיט די אורחים, און אויך זיי זאלן טאן, לויט דעם חיוב וואס זיי האבן און ניט נאר טאן אין א מדה קטנה, נאר אפשר אויך אין א מדה בינונית און נאכמער.

צב. דער עיקר איז "טאפארא דא פלאחא"[263] - טאן במעשה בפועל אין די אלע ענינים וואס מ'האט פריער אויסגערעכנט, און אין אלע ענינים תומ"צ,

און טאן מיט א שטורעם, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געמאנט אז מ'זאל טאן אלע ענינים מיט א שטורעם, ביז ביאת משיח צדקנו, און אויך נאך ביאת משיח צדקנו.

וואס בקשר מיט דעם וואס מ'האט געזאגט עטליכע טעג צוריק[264] אז מ'זאל מאכן כינוסים פאר קינדער, און אויך נאך ביאת משיח צדקנו וועט משיח אנפירן מיט די כינוסים - האט זיך אויף דערויף גלייך געשטעלט שאלות: היתכן אז מ'זאל זאגן אזא זאך, פון וואנעט האט מען די ברייטקייט דאס צו זאגן, און וואו שטייט עס אין נגלה אדער אין הסידות וכו'?!

געפינט מען אז דאס איז א בפירוש'ער פסוק אין תושב"כ:

דער נביא[265] זאגט: "כי כאשר השמים החדשים והארץ החדשה אשר אני עושה עומדים לפני נאום ה', כן יעמוד זרעכם ושמכם", ד.ה. אז לע"ל ווען עס וועט זיין "השמים החדשים והארץ

- החדשה" -

---

262) שבת קכז, א. שבועות לה, ב. 263) ראה בה"ש תש"ד ע' 104. 264) בשיחה יום ג', י"ד אלול סכ"ד. 265) ישעי' סו, כב.



הנחה הת' בלתי מוגה

החדשה" - וועלן שאר הענינים ניט נתבטל ווערן, נאר "כן יעמוד זרעכם ושמכם".

ובפרט לויט דעם וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת [266] אויף דעם פסוק, אז וויבאלד אז לע"ל וועט זיין "השמים החדשים והארץ החדשה", איז דא א קס"ד אז דעמולט וועלן נתבטל ווערן אלע תומ"צ וואס אידן האבן געטאן במשך זמן הגלות - זאגט דער פסוק אז עס וועט ניט זיין אזוי, נאר "כאשר השמים החדשים והארץ החדשה אשר אני עושה עומדים לפני - כן יעמוד זרעכם ושמכם", אזוי וועלן דעמולט אויך זיין די אלע תומ"צ וואס מ'האט מקיים געווען בזמן הגלות.

ויהי"ר אז דאס זאל קומען בקרוב ממש, דורך משיח צדקנו, וואס ער וועט ארויסנעמען יעדער אידן און אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[267], פון גלות, און פירן אונז אין דער גאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

* * *

צג. דער ביאור אין דעם ירושלמי און אין דער משנה אין פרקי אבות ("הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים") וועט מען פארשטיין מיוסד אויף דעם וואס דער צ"צ זאגט אין א מאמר אין אוה"ת; וויבאלד אבער אז דעמולט וועט מען זאגן אז דער ביאור איז ניט קיין ביאור ע"פ נגלה - דערפאר וועט מען אנהויבן ווי דער ענין איז ע"פ נגלה:

די גמרא [268] זאגט, אז "אפילו ריש גרגיתא (בוד. הממונה על החופרין חפירות למלאותן מים כדי להשקות בהן שדותיהן[269]) מן שמיא מנו לי'",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אלע ראשים, אנפירער און מלכים וכיו"ב, פון די נידעריקסטע דרגא אין א ראש, א "ראש גרגיתא", ביז די העכסטע דרגא אין א מלך, דוד המלך און מלכא משיחא - זיינען פארבונדן זב"ז און האבן צווישן זיך א צד-השוה, אז "מן שמיא" האט מען זיי ממנה געווען,

און דערפאר האבן זיי אויך אלע די זעלבע גדרים, ד.ה. אז א "ריש גרגיתא" האט די זעלבע גדרים ווי דוד המלך און מלך המשיח,

און ווי די גמרא [270] לערנט אפ פון פסוק [271] "שום תשים

- עליך -

---

266) שה"ש נא, ג-ד. 267) ל' הכתוב - בא י, ט. 268) ברכות נח, סע"א. ב"ב צא, ריש ע"ב. 269) פרש"י ד"ה ריש - ב"ב שם. וראה גם פרש"י ד"ה זה - ברכות שם. 270) קידושין עו, ב. 271) שופטים יז, טו.

עליך מלך מקרב אחיך", אז "כל משימות שאהה משים לא יהי׳ אלא מקרב אחיך" (כולל אויך א "ריש גרגיהא", ווי די גמרא זאגט דארטן ווייטער).

און וויבאלד אז "מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא"[272] - איז פארשטאנדיק אז די אלע ראשים און מלכים זיינען פארבונדן מיט מלכות פון דעם אויבערשטן, מלך מלכי המלכים הקב"ה.

צד. וואס עפ"ז האט מען א מקור אין נגלה אויף דעם וואס עס שטייט אין לקו"ת[273], אז כל הכתרים משתלשלים זה מזה, וויבאלד אז אלע כתרים זיינען בעצם איין זאך.

וואס אויף דערויף פרעגט מען וואס איז דער מקור אויף זאגן אזא זאך - דלכאורה איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

צווישן עולם האצילות און עולמות בי"ע איז דא א פרסא מבהילה, ועד"ז זיינען דא כמה פרסאות בין עולם לעולם אין גאנץ סדר השתלשלות - איז היתכן צו זאגן אז מלכות ד<u>אצילות</u> איז נידעריקער פאר כתר ד<u>בי"ע</u>, וויבאלד אז כתר דבי"ע איז פארבונדן מיט כתר דאצילות און מיט שאר הכתרים עד למעלה מעלה ווארום כל הכתרים משתלשלים זה מזה?!

פון די גמרות הנ"ל האט מען אויף דערויף א מקור אגן א הסברה אין נגלה:

כהר איז דער לשון הקבלה אויף דעם ענין פון מלכות און ראש.

וואס דערפאר איז אזוי ווי די גמרא זאגט בנוגע צו "מלכותא דארעא", אז אלע ראשים, פון א "ריש גרגיתא" ביז א מלך על כל עם ישראל, זיינען פארבונדן זב"ז און זיי האבן אלע די זעלבע גדרים - אזוי איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "מלכותא דרקיעא", כתר - אז אלע כתרים, פון כתר אין דעם נידעריקסטן עולם ביז כתר בדרגא הכי עליונה, זיינען פארבונדן זה בזה.

צה. ע"פ הנ"ל איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו א "ראש לשועלים", אז וויבאלד ער איז א "ראש", איז אפילו אויב ער איז א ראש פון א נידעריקע דרגא, פון "שועלים", וואס דאס איז נידעריקער ווי "אריות" - האט ער אבער אין זיך די מעלה

- וואס -

---

272) ברכות שם. וראה זח"ג קעו, ב. 273) ד"ה ויקח קרח. וראה גם אוה"ת נ"ך ס"ע הפא ואילך. ד"ה נשא הרס"ה. המשך תער"ב ח"א פע"ט (ס"ע קמה ואילך). ה"ב פש"כ (ע׳ תרצט) ובכ"מ.

וואס ער איז א "ראש", וואס "מן שמיא מנו לי'" (ע"ד ווי א "ריש גרגיהא"), און מצד דעם איז ער פארבונדן מיט דער העכסטער דרגא אין ראש למעלה מעלה,

און דערפאר האט ער אין זיך א מעלה אויך אויף א "זנב לאריוה", כאטש אז די דרגא פון "אריות" איז העכער פאר "שועלים".

צז. דער ביאור בפשטות אין דעם וואס אלע ראשים, פון די נידעריקסטע ביז די העכסטע, זיינען פארבונדן זב"ז:

מ'זעט בפועל אז א ראש, אן אנפירער פון כמה מענטשן און מושפעים, אפילו א קליינער אנפירער - קען פועל'ן אז בא זיינע מושפעים און די מיט וועמען ער פירט אן זאל זיין א קביעות עתים לתורה, און עד"ז א הוספה אין קיום המצוות,

וואס דעמולט טוט ער אויף דעם ענין פון תורה ברבים און קיום המצוות ברבים, וואס דאס איז דאך א גאר גרויסער ענין,

כידוע דער חידוש נפלא פון דעם אלטן רבי'ן אין אגה"ק[274], אז ניט נאר תפלה ברבים און לימוד התורה ברבים האט אין זיך אן עילוי - נאר אויך קיום המצוות ברבים, ווארום זיי זיינען א חלק פון תורה.

און דאס טוט אויף דער וואס איז א ראש אויף כמה מענטשן.

עד"ז זעט מען אויך בפועל ווי א ראש קען אויפטאן בא ניט-אידן אין דער מלכות שעליז:

בשעת איינער וועט קומען צוגיין צו די מנהיגי המלוכה פון דער מדינה, און וועט זיי זאגן אז ער איז א "זנב" - וועלן זיי אים אוועקזעצן מיט אלע "זנבות";

בשעת ער וועט אבער קומען צוגיין און זאגן אז ער איז א "ראש", אפילו א "ריש גדגיתא" - וועט מען אים ניט אוועקשיקן, נאר מ'וועט אויספארשן וויפל מענטשן ער האט אונטער זיך און וויפל כח ער האט וכו', און לויט דעם וועט מען זיך מיט אים פירן.

צז. עפ"ז איז פארשטאנדיק די הו"א פון ירושלמי אז "מתלא אמר הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות":

דאס וואס "מתלא אמר הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות" איז א משל וואס שטייט אין תורה, וואס דערפון איז - פארשטאנדיק -

------------

274) סכ"ג. וראה לקו"ש ח"ה ע' 428 הע' 14.



הנחת הת' בלתי מוגה

פארשטאנדיק אז אויך דאס איז אויסגעהאלטן ע"פ תורה.

וע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק: א "ראש לשועלים" האט אין זיך א מעלה אויף א "זנב לאריות", מצד דעם וואס ער איז א "ראש", וואס א "ראש", אפילו פון א נידעריקע דרגא, איז פארבונדן מיט אלע ראשים ביז דעם ראש וואס איז למעלה מעלה,

און ער האט די מעלה וואס ער פירט-אן מיט אנדערע, במילא קען ער אויף זיי פועל'ן צו טאן ענינים אין תומ"צ וכו', כנ"ל.

און מצד די מעלה וואס א "ראש לשועלים" האט אויף א "זנב לאריות" - איז גאר מוכרח אז ער זאל בלייבן א "ראש לשועלים" און ניט ווערן א "זנב לאריות", ווארום ער פירט דאך אן מיט אנדערע אידן - איז וואס הייסט ער וועט ווערן א "זנב", ער האט דאך אן אחריות וואס ער קען איר ניט אוועקגעבן!

ובפרט לויט דעם וואס דער אלטער רבי זאגט אין דער הקדמה צו תניא, אז עס טאר ניט זיין דער ענין פון "שפלות של שקר" - אויב ער איז איינער וואס מ'האט אים אויסגעקליבן צו זיין א ראש אויף אנדערע אידן, און מ'זעט אז ער איז מצליח אין דעם - טאר ער דאס ניט אפלאזן.

צח. וואס אזוי ווי דאס איז אין דעם משל בנוגע צו א "ראש לשועלים" - אזוי איז דאס אויך אין דעם נמשל בנוגע צו דעם תלמיד חכם וואס זיצט בראש פון דער שורה הראשונה:

אלס א ראש פון דער שורה קען ער אויפטאן מיט די אלע ת"ח בשורה זו כו"כ ענינים אין לימוד התורה און אין קיום המצוות.

וכמובן בפשטות, אז אע"פ וואס די שורות פון תלמידי חכמים וואס זיינען געזעסן לפני הסנהדרין האבן זיך נאר צוגעהערט ווי די סנהדרין פירט די שקו"ט בנוגע צו דעם דין - איז אבער א זיכערע זאך אז אויך זיי האבן געפירט א שקו"ט צווישן זיך אין דעם ענין וועגן וועלכן עס האט זיך דארטן געהאנדלט.

און ס'איז אויך פארשטאנדיק, אז יעדער שורה (פון די שלש שורות) האט געפירט א שקו"ט לויט דער הבנה והשגה פון די ת"ח אין זייער שורה.

און וויבאלד אז דער ת"ח וואס איז געזעסן דער ערשטער אין דער שורה הראשונה, איז געווען דער ראש פון דער שורה - איז פארשטאנדיק אז ער האט אנגעפירט מיט דער שקו"ט.

וואס מצד דער מעלה און תפקיד וואס ער האט געהאט -

- טאר -



הנחת הת' בלתי מוגה

טאר ער דאך ניט אוועקגיין פון דעם מקום, אפילו צו ווערן א "זנב לאריות", צו ווערן דער לעצטער אין סנהדרין.

צט. וואס דערמיט איז פארשטאנדיק נאך א זאך אין דעם ירושלמי:

וויבאלד אז דער ת"ח וואס איז געזעסן דער ערשטער אין דער שורה הראשונה איז געווען ראוי צו זיין א דיין אין סנהדרין, והראי' אז ער איז דער וועמען מ'קלייבט אויס אויב עס פעלט אין סנהדרין - איז פארוואס געפינט ער זיך טאקע ניט אין סנהדרין, און ער זיצט אין דער שורה הראשונה?!

וואס אע"פ אז סנהדרין קען ניט זיין מער פאר ע"א - וואס איז ער אבער שולדיק אין דערויף, און פארוואס דארף ביי אים פעלן, אז אנשטאט זיצן וואו ער באלאנגט, אין סנהדרין, זיצט ער אין א נידעריקערן מקום?!

ע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק: וויבאלד אז ער איז א ראש פון זיין שורה - איז "מחלא אמר הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות" - קען ער ניט אוועקגיין פון מקומו, ווארום ער פירט-אן מיט אנדערע וואס דארפן צו אים אנקומען.

ק. ע"פ המבואר לעיל וועט מען פארשטיין דעם חידוש פון דעם ירושלמי און פון דער משנה "הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים":

מצד מעלת עצמו און מצד דעם וואס די תלמידי חכמים אין דער שורה (וואו ער זיצט בראשה) דארפן אנקומען צו אים - דארף טאקע זיין "הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות";

בשעת מ'רעדט אבער וועגן א מצב מיוחד, אז "צרכו לסמוך" - מ'דארף האבן איינעם וואס זאל משלים זיין סנהדרין בכדי סנהדרין זאל זיין בתוקף המתאים - דעמולט איז די משנה מחדש אז "סומכין מן הראשונה", און "מייתי לה רב ממתניתא", וואס "מתני' אמרה הוי זנב לאריות ולא ראש לשועלים".

קא. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק נאך א דיוק אין ירושלמי:

אלס ענטפער אויף דעם וואס "מחלא אמר הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות" זאגט דער ירושלמי אז ס'איז ניט אזוי, "דתנינן (אין דער משנה אין סנהדרין) צרכו לסמוך סומכין מן הראשונה".

לערנען מפרשים אז דער עיקר לימוד פון דעם ירושלמי אז ס'איז ניט ווי "מחלא אמר", איז (ניט פון התחלת הענין בהמשנה "צרכו לסמוך סומכין מן הראשונה", נאר) פון המשך המשנה, אז נאך דעם וואס מ'האט סומך געווען "מן הראשונה",

- פון -

פון דער שורה הראשונה, איז "אחד מן השני' בא לו לראשונה ואחד מן השלישית בא לו לשני' כו'",

און דאס וואס דער ירושלמי ברענגט נאר התחלת המשנה איז דערפאר וואס ער איז סומך אויף המשך המשנה.

וואס דער טעם פארוואס די מפרשים לערנען אזוי איז - ווייל זיי לערנען אז דער חידוש פון ירושלמי איז דער עצם ענין אז "הוי זנב לאריות ולא ראש לשועלים", און דערצו איז די עיקר ראי' פון דער משנה ניט דערפון וואס בשעת "צרכו לסמוך סומכין מן הראשונה", נאר דערפון וואס אע"פ אז דער ראשון אין יעדער שורה איז געווען דער ראש השורה, ווערט ער דערנאך דער "זנב" אין דער שורה פאר איס;

ע"פ המבואר לעיל אבער, איז פארשטאנדיק אז דער חידוש פון ירושלמי איז - אז ע"ד הרגיל וואלט מען געלערנט ווי "מהלא אמר", אז "הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות" - און דער ירושלמי איז מחדש אז ווען עס קומט צו א פאל וואס "צרכו לסמוך" זאגט מען ניט "הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות", און "סומכין מן הראשונה".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק בפשטות פארוואס דער ירושלמי ברענגט נאר התחלת המשנה, "צרכו לסמוך סומכין מן הראשונה", ווארום אין דעם באשטייט דער חידוש אז בשעת "צרכו לסמוך (דוקא) סומכין מן הראשונה".

קב. ווי דערמאנט פריער (סצ"ג) איז המבואר לעיל מיוסד אויף דעם וואס דער צ"צ איז מבאר אין א מאמר (געדרוקט אין אוה"ת[275]):

דער צ"צ איז מבאר באריכה, אז אין ספירת המלכות זיינען דא צוויי ענינים: ווי מלכות איז סוף עולם האצילות, און ווי זי ווערט כתר וראש לבי"ע.

און עפ"ז איז ער מבאר[276] דאס וואס מ'זאגט "ואמונה כל זאת וקיים עלינו", וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: "ואמונה כל זאת" איז דאך לשון נקבה און "וקיים עלינו" איז לשון זכר?

און ער איז מבאר, אז "אמונה" איז ספירת המלכות, און "ואמונה כל זאת", לשון נקבה, איז ווי מלכות איז סוף עולם האצילות, וואס דארטן איז זי מקבל די השפעות פון העכערע דרגות אין אצילות, וואס א מקבל איז ענינה פון א נקבה; און "וקיים עלינו" גייט אויף מלכות ווי זי ווערט א כתר וראש

- לבי"ע -

---

275) במעי' ס"ע א'ה ואילך. 276) שם ע' א'הד.



הנחה הת' בלתי מוגה

לבי"ע, וואס דעמולט איז זי משפיע אין בי"ע, וואס השפעה איז ענינו פון א זכר.

און בהמשך הענין [277] זאגט דער צ"צ: "וזהו ענין הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים": "זנב לאריות" איז מלכות ווי זי געפינט זיך אין סוף עולם האצילות, און "ראש לשועלים" איז מלכות ווי זי ווערט כתר לבי"ע.

וואס אין סדר המדריגות איז מלכות דאצילות העכער פאר כתר דבי"ע, און דערפאר זאגט מען "הוי זנב לאריות ולא תהי ראש לשועלים";

אבער מצד דעם וואס מלכות איז פארבונדן מיט כתר, ובפרט ווי מלכות ווערט כתר לבי"ע - איז דאך דא דער כלל אז כל הכתרים משתלשלים זה מזה, און דערפאר איז די דרגא (מלכות ווי זי ווערט כתר לבי"ע) העכער פאר מלכות ווי זי איז סוף עולם האצילות (און אפילו העכער פאר תפארת דאצילות), ווארום כתר דבי"ע ווערט נשתלשל פון כתר דאצילות און פון די כתרים שלמעלה מזה.

קג. וואס על יסוד זה האט מען פריער גערעדט אז מ'געפינט צוויי אופני הנהגה ע"פ תורה וזי דער ירושלמי זאגט: איין אופן הנהגה וואס "מתלא אמר הוי דאש לשועלים ולא זנב לאריות", און א צווייטער אופן הנהגה - "הוי זנב לאריות ולא ראש לשועלים".

וואס דערפון גופא וואס ביידע אופנים ברענגען זיך אין תורה (אין ירושלמי) - איז פארשטאנדיק אז דאס זיינען צוויי דרכים והנהגות אין תורה,

און אע"פ אז זיי זיינען לכאורה צוויי דרכים והנהגות הפכיות - איז אבער יעדער דרך והנהגה מתאים צו א באזונדערן מעמד ומצב: בשעת מ'רעדט וועגן מעלת עצמו און די מעלה פאר וועלט - דארף מען זיך פירן אין אן אופן פון "הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות"; בשעת מ'רעדט אבער וועגן א מעמד ומצב וואס "צרכו לסמוך", מ'דארף האבן שלימות אין תורה - דעמולט דארף מען זיך פירן אין אן אופן פון "הוי זנב לאריות ולא ראש לשועלים".

קד. וויבאלד אז די צוויי דרכים והנהגות שטייען אין תורה מלשון הוראה, ובפרט אז דאס שטייט אין מסכת סנהדרין - דארף מען דערפון ארויסנעמען א הוראה אין עבודת האדם:

"צדיקים" זיינען דאך "דומין לבוראן" [278] - איז ע"ד ווי

- בא -

---

277) שם ע' א'תה. 278) ב"ר פס"ז, ח.



הנחת הת' בלתי מוגה

בא דעם אויבערשטן זיינען דא די צוויי ענינים אין מלכות, ווי זי איז סוף עולם האצילות, וואס דעמולט זאגט מען "הוי זנב לאריות ולא ראש לשועלים", און ווי זי איז יורד בבי"ע און ווערט כתר לבי"ע, וואס דעמולט זאגט מען "הוי ראש לשועלים ולא זנב לאריות" - עד"ז זיינען אויך דא די ביידע ענינים אין עבודת הצדיקים:

עס דארף זיין די הנהגה פון "ונפשי כעפר לכל תהי'"[279], ע"ד ווי דער ענין פון "הוי זנב לאריות ולא ראש לשועלים",

וביחד עם זה דארף אויך זיין די הנהגה פון "פתח לבי בתורתך"[279], אז ער פירט זיך אין אן אופן פון "ואתהלכה ברחבה"[280], וואס אויך דאס איז א דרך אין עבודה, די עבודה פון "פתח לבי בתורתך",

מ'דארף טאקע שולל זיין אז די הנהגה פון "ואתהלכה ברחבה" זאל ניט ברענגען צו גאוה ח"ו, ווי דאס איז געווען בא ירבעם[281] - בעצם איז אבער די הנהגה פון "ואתהלכה ברחבה" א מעלה גדולה ביותר וואס גיט-צו אין עבודת ה' - וואס דורך דערויף ווערט בא אים פתיחת המוח והלב וכל התושים, ביז אז עס ווערט די פתיחה ווי דער "פתחו של אולם" וואס "גובהו ארבעים אמה"[282], און "לא היו בו דלתות[283] שהמיד הי' פתוח"[284].

קה. די צוויי אופני הנהגה, "ונפשי כעפר לכל תהי'", און "ואתהלכה ברחבה", "פתח לבי בתורתך" - זיינען ע"ד ווי דער ענין פון "יעקב" און "ישראל" וואס איז פאראן בא יעדער איד:

"יעקב" איז על שם "וידו אוחזת בעקב עשו", וואס דער ענין העקב אין עבודת האדם איז - די עבודה פון ביטול, "ונפשי כעפר לכל תהי'", און ווי עס שטייט[285] "אל תירא עבדי יעקב", ובפרט אז דאס רעדט זיך וועגן "עקב עשו",

און "ישראל" איז אותיות "לי ראש", די עבודה אין אן אופן פון "ראש", "ואתהלכה ברחבה" - די עבודה פון "שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל".

און וויבאלד אז די צוויי ענינים פון "יעקב" און "ישראל" זיינען שטענדיק דא אין יעדער אידן - דערפאר דארפן די ביידע אופני עבודה (וואס זיינען פארבונדן מיט "יעקב" און "ישראל") זיין בא יעדן אידן בכל יום ויום,

- און -

---

279) נוסח התפלה - מברכות יז, א. 280) ל' הכתוב - תהלים קיט, מה. וראה לקו"ת בהוקותי מט, א-ב. 281) ראה סנהדרין קא, ב. 282) מדות פ"ג מ"ז. רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ד ה"ח. 283) מדות פ"ב מ"ג. רמב"ם שם. 284) לקו"ת שה"ש לה, רע"א. 285) ישעי' מד, ב. ירמי' ל, י.

און ניט אין אן אופן אז איין טאג טוט ער די עבודה פארבונדן מיט "יעקב", און א צווייטן טאג טוט ער די עבודה פארבונדן מיט "ישראל" - נאר בכל יום ויום טוט ער ביידע עבודות צוזאמען.

קו. מ'שטייט דאך איצטער אין חודש אלול, וואס לכאורה לייגט זיך אז דעמולט דארף די עבודה זיין בעיקר בשפלות, אין אן אופן פון "ונפשי כעפר לכל תהי'" -

זאגט מען אז פארקערט: "אלול" איז ר"ת "אני לדודי ודודי לי"[286], און ניט מ'הויבט אן פון "דודי", נאר פון "אני" - ד.ה. אז "אני", טוט אויף דעם ענין פון "אני לדודי",

וואס "דודי" איז א תואר וואס באווייזט אויף אן אהבה וחביבות גדולה (ווי עס שטייט אין ב"ח[287] און אין קבלה),

און אין חודש אלול נוצט מען דוקא דעם תואר ("דודי") אויף דעם אויבערשטן, וואס לכאורה: וויבאלד אז מ'שטייט אין חודש אלול, און מ'גרייט זיך צו מכתיר זיין דעם מלך וכו' - האט מען געדארפט נוצן אויף דעם אויבערשטן א תואר ווי "מלך" אדער "גבור" אדער איום ונורא - אעפ"כ זעט מען אז מ'רופט אים אן דוקא מיטן תואר "דודי".

און דער "אני", יעדער איד, טוט אויף אז עס זאל זיין "אני לדודי", און דערנאך "ודודי לי", די המשכה פון דעם אויבערשטן צו אידן,

און כל זה שטייט אין איין ווארט - "אלול".

וואס הנ"ל איז מדגיש אז אין חודש אלול איז ניט נאר וואס עס דארף ניט זיין די עבודה בשפלות, אין אן אופן פון "ונפשי כעפר לכל תהי'" - נאר אדרבה: די עבודה דארף זיך אנהויבן פון "אני", פון דער מציאות פון א אידן, און דערנאך נמשך ווערן אין "אני לדודי" און "ודודי לי".

קז. דערפון האט מען אויך די הוראה, אז בחודש אלול דארף מען ארויסגיין רעדן מיט א צווייטן אידן, און רעדן מיט אים "דברים היוצאים מן הלב", און אים זאגן אז איצט איז חודש אלול, וואס "אלול" איז ר"ת "אני לדודי ודודי לי", וואס דאס מיינט אין פשוט'ע אותיות אז דער איד קען אויפטאן אז עס זאל זיין "אני לדודי ודודי לי",

וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז ער וועט פועל'ן אויף דעם אידן.

- און -

---

286) שה"ש ו, ג. אבודרהם סדר תפלת ר"ה. פע"ח שער ר"ה פ"א. שעה"פ להאריז"ל עה"פ. 287) או"ח סתקפ"א.

און ער (דער רעדער) דארף וויסן (ווען ער רעדט מיט דעם צווייטן אידן), אז ער רעדט מיט איינעם וואס קען אויפטאן אז עס זאל זיין "אני לדודי ודודי לי", און אז דער איד איז בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה, ובמילא קוקט זיך צו דער אויבערשטער ווי ער רעדט מיט אים,

ובפרט נאך אין חודש אלול, ווען דער מלך געפינט זיך בשדה מיט יעדן אידן, און איז "מקבל את כולם בסבר פנים יפות, ומראה פנים שוחקות לכולם"[232].

וואס דערפאר רעדט ער מיט דעם צווייטן אידן באהבה אמיתית, ובפרט אז ער וויל דאך אויפטאן אז עס זאל זיין "ודודי לי", די המשכת האהבה וחיבה פון דעם אויבערשטן צו "לי" – איז דאך "במדה שאדם מודד בה מודדין לו"[288].

קח. און דורך דערויף טוט מען אויף אז עס זאל זיין דער "ודודי לי", און וויבאלד אז אין חודש אלול איז מען "יוצאין להקביל אור פניו ית' בשדה"[232] – טוט מען אויף אז עס זאל זיין "יאר ה' פניו אליך"[289], די המשכה פון "באור פני מלך חיים"[290],

אז מ'האט חיים בגשמיות און חיים ברוחניות, און בגשמיות וברוחניות גם יחד.

און מ'איז מסיים די שנה השביעית, און מ'איז זיך מכין צו שנת הקהל, און דערנאך איז מען ממשיך דעם ענין פון הקהל על כל השנה כולה, און אויך על כל השנים שלאח"ז.

און נאך פאר דערויף – האט מען א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, בבני חיי ומזוני רויחי, למטה מעשרה טפחים וכפשוטו, ומתוך שמחה וטוב לבב.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

נתן המזונות והיין להר' מ.י. שי' עבוד ה"אש"ל".

ונתן מזונות להחתנים שעלו להורה בשבת זו.

אח"כ התחיל לנגן "עוד ישמע".

—— * ——

-------------

288) סוטה ח, ב. במשנה. וראה שם יא, א. 289) נשא ו, כה. לקו"ת שבהע' 232. 290) ל' הכתוב – משלי טז, טו.

א. בשעת כמה ענינים און מאורעות טרעפן זיך צוזאמען אין איין זמן - איז דא א הוראה און א מנהג פון וועלכן ענין מ'דארף אנהויבן רעדן.

וואס דערפון גופא (אז ס'איז דא אזא הוראה און מנהג) איז פארשטאנדיק, אז עס זיינען פאראן כמה סברות ואפשריות פון וועלכן ענין אנהויבן, און דערפאר דארף מען האבן א הוראה אז מ'דארף אנהויבן פון א געוויסן ענין, ובפרט אז דערנאך ווערט דערפון א מנהג מפורסם.

וואס דאס איז דאך אפילו ווען עס זיינען דא צוויי ענינים וואס טרעפן זיך אין איין זמן, וואס דעמולט זיינען גלייך דא צוויי סברות ואפשריות פון וועלכן צו אנהויבן;

עאכו"כ בשעת עס זיינען דא מערער ווי צוויי ענינים, זיינען דאך דעמולט דא מערער סברות ואפשריות פון וועלכן ענין צו אנהויבן - ווארום "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא דבר אחד לבטלה", איז אין יעדער ענין זיכער דא עפעס וואס איז ניטא אין א צווייטער זאך, ווארום אויב א צווייטער זאך וואלט געבראכט וואס דער זאך האט - דארף דאך אים ניט האבן, איז פארוואס האט מען אים באשאפן.

וואס דערפאר, בשעת עס זיינען דא כמה ענינים וואס טרעפן אין איין זמן, איז מוכח אז יעדער ענין האט אין זיך א זאך וואס א צווייטער ענין האט ניט, במילא זיינען דא כמה וכמה סברות ואפשריות פון וועלכן מ'דארף אנהויבן.

ב. אנהויבנדיק דערפון וואס דער טאג איז יום השבת:

וואס דער ענין פון שבת איז דאך "מיקדשא ומקיימא", דער ענין פון "קודש". ובלשון הכתוב "קודש הוא".

ובפרט לויט פירוש הזהר, אז שבת איז "קדש מלה בגרמי'", וואס דאס איז נאך העכער ווי דער ענין פון "קדוש":

אויף "קדושים תהיו" זאגט רש"י אז דער ענין פון "קודש" איז פרישה והבדלה פון אנדערע ענינים. וואס דערפון גופא איז פארשטאנדיק דער ענין וואס איז קדוש האט א שייכות מיט אנדערע ענינים, ס'איז מערניט וואס צווישן זיי גופא איז ער קדוש ומובדל.

משא"כ "קדש מלה בגרמי'" איז דער פירוש, אז דאס איז אן ענין בפ"ע, וואס איז אינגאנצן העכער פאר אנדערע ענינים, ביז אז מ'קען דאס ניט פארגלייכן צו אנדערע ענינים און זאגן אז דאס איז קדוש ומובדל פון זיי.

וואס דער איינציקער ארט וואו ס'איז שייך צו זאגן אמיתית הענין פון "קדש מלה בגרמי'", איז אין עצמות ומהות - ווארום יעדער זאך וואס איז ניט עצמות ומהות, איז דאך אן ענין פון הארות וכו', און בשעת ס'איז דא איין הארה קען דאך זיין א צווייטע הארה.

ע"ד ווי די משנה זאגט "עשר קדושות הן", וואס דאס גופא איז מדגיש אז די אלע "עשר קדושות" האבן א שייכות צווישן זיך - ווארום די אלע קדושות, ניט נאר די קדושה הכי תחתונה, נאר אויך די קדושה הכי עליונה, ווערן נכלל אין איין מספר הכולל, "עשר קדושות הן", און אויב זיי וואלטן קיין שייכות ניט געהאט צווישן זיך, וואלט מען זיי ניט געקענט מצרף זיין.

ג. אויף יעדער ענין וויל מען דאך האבן א דוגמא אין נגלה דתורה:

ס'איז דאך דער כלל (ברכות כא, ב) אז "כל דבר שבקדושה לא יהא פחות מעשרה",

וואס דערפאר דארף מען אן עדה קדושה, עשרה מישראל בשעת מ'איז מתפלל און מ'וויל זאגן קדושה וכו'.

וואס אין א מנין אידן קענען דאך זיין כהנים, און לויים, און ישראלים, און גרים ("גר אשר בשעריך"), ביז פון אלע עשרה יוחסין, וואס דאס זיינען דאך דרגות זה למעלה מזה, ביז אז בשעת ס'איז דא קריאת התורה, איז פריער עולה לתורה א כהן, וויבאלד אז "וקדשתו", משא"כ א לוי און א ישראל -

אבער לאידך גיסא זיינען די אלע צען אידן (כולל דעם כהן, און דער לוי, און ישראל וכו') איין ציבור.

וואס דערפון איז א הוכחה אז כאטש דער כהן, לוי, און ישראל זיינען באזונדערע דרגות אין קדושה - האבן זיי אבער א שייכות צווישן זיך, והראי' אז מ'קען זיי מצרף זיין אז זיי זאלן ווערן איין ציבור.

און ווי דער דין איז, אז בכדי עס זאל זיין אן עדה קדושה, דארפן די עשרה מישראל זיין אין איין חדר; אויב אבער 9 אידן זיינען אין איין חדר, און דער צענטער איד איז אין א צווייטער חדר, איז אפילו אויב ער געפינט זיך אין דער זעלבער בית מיט די אנדערע 9 אידן, וויבאלד זיי זיינען אבער אין צוויי באזונדערע חדרים [און די חדרים האבן צווישן זיך א פתח און ס'איז א חדר גדול מיט די פרטי הדינים בזה] - איז דאס ניט קיין עדה קדושה, וויבאלד אז די צען אידן געפינען זיך ניט צוזאמען.

ד. וואס עד"ז איז אויך אין דער בית כללי פון סדר ההשתלשלות, ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל אויפן פסוק "כי תבנה בית חדש", אז דאס גייט אויף גאנץ סדר ההשתלשלות:

בשעת א נשמה געפינט זיך אין עולם האצילות, איז דוקא בשעת זי איז יורד אין א גוף אין עולם העשי', קען זי נצטרף ווערן צו אנדערע 9 אידן אין עולם העשי', עס זאל ווערן אן עדה קדושה.

אזוי ווי בנוגע צו משה רבינו, וואס ער איז דאך א נשמה דאצילות - ווי באלד אבער אז זיין נשמה האט יורד געווען אין א גוף אין עולם העשי', קען ער נצטרף ווערן צו נאך 9 אידן אין עולם העשי' עס זאל ווערן א מנין.

משא"כ בשעת משה געפינט זיך ברקיע, ווארום אן עדה קדושה דארף באשטיין פון עשרה מישראל וואס געפינען זיך אין איין רשות, וואס דאס איז ניט נאר בנוגע צו סתם אידן, נאר אפילו משה רבינו דארף אויך האבן נאך 9 אידן צוזאמען מיט אים (אין איין רשות) בכדי עס זאל זיין אן עדה קדושה, און דוקא בשעת ס'איז דא דער "אתם נצבים היום כולכם" פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", מיט די צען סוגים אויסגערעכנט אין פסוק - ווערט אן עדה קדושה.

בשעת אבער משה רבינו געפינט זיך אין זיין "חדר" בבית, אין עולם האצילות, איז דאס ע"ד ווי ער געפינט זיך באהלו, אדער ברקיע, וואס דעמולט איז ער "מחוץ למחנה" (בלשון הכתוב), געפינט ער זיך דאך ניט אין דעם זעלבן רשות מיט די אנדערע אידן - משה געפינט זיך אין איין "חדר" אין סדר השתלשלות, אין עולם האצילות, און די אנדערע 9 אידן געפינען זיך אין א צווייטער "חדר", אין עולם העשי'.

וואס דער ענין ווי משה געפינט זיך אין עולם האצילות ניט אין עולם העשי', איז בדוגמא ווי דער ענין פון "קדש מלה בגרמי'". ווארום דארטן איז ער אן ענין בפ"ע, און האט קיין שייכות ניט מיט אנדערע ענינים אז מ'זאל קענען זאגן אז ער איז קדוש ומובדל פון זיי.

הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס איז אויך א דוגמא אויף דער "קדש מלה בגרמי'". וואס איז דא אין יום השבת.

ה. נוסף להאמור לעיל, אז אין שבת איז דא דער ענין וואס זי איז "קדש מלה בגרמי'" - קומט צו נאך אן ענין אין שבת, וואס "מיני' מתברכין כולהו יומי" פון די שבוע הבא לאחריו, און אויך - אז אין שבת קומט צו פון די ימים שלפניו, כמארז"ל "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז עס קומט צו נאך כמה ענינים אין שבת - וויבאלד אז זי איז מברך און ממשיך די ענינים אין די טעג הבאים לאחריו, מיט דעם כח נוסף וואס שבת באקומט פון די ימים שלפניו.

ו. נוסף לזה קומט צו וואס דער שבת איז דער שבת פאר ר"ה, וואס דאס איז דאך ניט נאר א שייכות צווישן דעם שבת מיט ר"ה אין זמן, נאר אויך אין ענין - ווארום אז דאס איז דער שבת פאר ר"ה, נאר דאס גופא באווייזט אז זיי האבן א שייכות אין ענין, אז דער שבת איז דער זעלבער ענין ווי ר"ה, און דערפאר קומט עס אראפ אויך אין זמן, "שנשתלשלו מהן", אז דער שבת איז דער שבת פאר ר"ה.

דערצו קומט נאך צו וואס פון דעם שבת ווערט נתברך ר"ה, וויבאלד אז שבת "מיני' מתברכין כולהו יומי", און דער כח לזה קומט פון די ימים פאר שבת, ווארום "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת".

וואס מצד דער ענין נוסף אין דעם שבת, אז ער איז דער שבת פאר ר"ה - ווערן אלע אנדערע ענינים אין דעם שבת אויך נתעלה,

ע"ד ווי די גמרא זאגט בנוגע צו די תמידין ביוהכ"פ, אז כאטש מ'איז מקריב א קרבן תמיד בכל יום, איז אבער ביוהכ"פ וויבאלד אז דעמולט איז דעמולט קומען צו אנדערע קרבנות, ווערט ניט נאר "אהני" די קרבנות פון יוהכ"פ, נאר עס ווערט אויך "אהני". דעם קרבן תמיד אין יענעם טאג.

ועד"ז בנוגע צו שבת: וויבאלד אז ביום השבת קומט צו דער קרבן מוסף - קומט אויך צו אן עילוי מיוחדת אין דעם קרבן ביום השבת, כאטש אז דעם קרבן תמיד איז מען מקריב בכל יום.

ועד"ז בנדו"ד: דער ענין וואס דער שבת איז שבת פאר ר"ה, פועל'ט אן עילוי אויך אין שאר הענינים אין דעם שבת, אויך אין דעם ענין וואס שבת איז "קדש מלה בגרמי'".

ז. דערנאך קומט צו די קריאה בתורה פון דעם שבת:

אין דעם שבת פאר ר"ה ליינט מען אלעמאל פ' נצבים.

וואס דאס איז אזוי בכל השנים אין דעם שבת פאר ר"ה; בקביעות שנה זו קומט צו אז נוסף צו פ' נצבים, ליינט מען אויך פ' וילך אין דעם שבת, דער שבת פאר ר"ה.

וואס דאס טוט אויף א תוספות עילוי אין דער גאנצער קריאת התורה פון שבת זו, אויך אין קריאת התורה פון פ' נצבים - ווארום דורך דעם וואס מ'ליינט אויך פ' נצבים, קומען צו נאך פסוקים אין תורה, און א ריבוי פסוקים, וואס מ'ליינט, במילא קומט צו א ריבוי אין "הלא כה דברי כאש" - פועל'ט דאס בכל התורה כולה.

וכמובן אויך בפשטות, אז בשעת מ'ליינט פ' נצבים און פ' וילך - קומט צו א הוספה אין פסוקים (ניט נאר אין די וואס באקומען אן עלי' אין די קרואים בפ'

וילך, נאר) אויך אין דער עלי' פון דעם עולה ראשון, וואס ביי אים לייענט מען נאר פ' נצבים -

און ווי עס פארשטייט אויך א קינד בפשטות, אז ווען עס קומט צו די פרשה פון וילך, ווערט אויך נתעלה די קריאה אין פ' נצבים.

ח. דערנאך קומט צו וואס דער הפטורה פון דעם שבת איז "שוש אשיש".

וואס דאס איז די הפטורה וואס מ'זאגט אלעמאל אין דעם שבת פאר ר"ה, אן קיין נפק"מ ניט צי מ'לייענט דעם שבת פ' נצבים אדער פ' נצבים און פ' וילך,

וואס בכלל ווערט נשתנה דער הפטורה לויט די פרשה וועלכע מ'לייענט יענעם שבת, ווארום די הפטורה איז פארבונדן מיטן סיום הפרשה, וואס לפי"ז האט לכאורה געדארפט זיין אן אנדער הפטורה בשעת מ'לייענט פ' נצבים און אן אנדער הפטורה בשעת מ'לייענט פ' נצבים-וילך -

אבער וויבאלד אז דער שבת (פאר ר"ה) איז איינע פון די "שבעה דנחמתא", דארף מען דאך ממלא זיין דעם מספר פון שבעה הפטורות - איז אזוי ווי אלע שבתות פון די "שבעה דנחמתא" ווערט אויך אין דעם שבת ניט נשתנה די הפטורה צי מ'לייענט פ' נצבים, אדער פ' נצבים-וילך, כמבואר אין ספרים, ביז אויך אראפגעבראכט אין אחרונים וואס זיינען מבאר וועלכע הפטורות מ'זאל זאגן בכל שבת.

אבער אע"פ וואס אין דער פרשה איז דא א שינוי משנה לשנה וועלכע פרשה מ'לייענט אים דעם שבת פאר ר"ה, און אין דער הפטורה איז ניטא קיין שינוי - אעפ"כ פועל'ט אויך די הפטורה אן עילוי יותר אין פ' נצבים-וילך וואס מ'לייענט דעם שבת.

ט. האמור לעיל, איז שייך צו דעם שבת פאר ר"ה בכל שנה ושנה; בשנה זו קומט צו אן ענין מיוחד אין דעם שבת פאר ר"ה - וואס דער גאנצער שנה איז שנה השביעית, "שבת לה'".

וכמדובר כמ"פ במשך השנה, אז דאס מיינט אז אלע ששת ימי המעשה בשנה זו זיינען שבת'דיקע טעג, איז דאך דער יום השבת אין אזא יאר נאך א העכערן ענין - דער ענין פון "שבת בשבתו".

ועד"ז איז פארשטאנדיק, אז די שבתות בשנה זו זיינען העכער פאר די שבתות פון שאר השנים.

און אזוי אויך בנוגע צו דעם שבת האחרונה פון שנה זו, דער שבת פאר ר"ה בשנה זו - אז ער איז העכער פאר די שבתות לפני ר"ה פון שאר השנים.

י. נוסף לזה וואס שנת השמיטה האט אין זיך אירע ענינים - איז זי אויך א הכנה צו שנה הבאה, וואס זי איז א שנת הקהל.

דאס (דער הכנה בשנה זו צו שנת הקהל בשנה הבאה) איז נאכמער בהדגשה אין דעם לעצטן שבת פון דעם שנה השביעית, ווארום:

דער שבת (שלפני ר"ה) איז דאך מברך ר"ה (כנ"ל), וואס ראש השנה איז כולל אין זיך דעם גאנצן יאר, אזוי ווי א ראש איז כולל אין זיך כל אברי האדם [ווי דער אלטער רבי איז מבאר, און דער מיטעלער רבי איז דאס מבאר בארוכה, און דער צ"צ גיט צו אין דערויף זייגע הערות והגהות],

ועאכו"כ אז ראש השנה איז כולל אין זיך אזא ענין כללי בשנה ווי דער ענין פון הקהל, וואס על שם זה ווערט דאך אנגערופן דעם גאנצן יאר - שנת הקהל,

הנחה פרטית בלתי מוגה

ווארום נוסף לזה וואס הקהל איז אן ענין כללי בא אידן, וואס מ'קלייבט צוזאמען "את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך למען ישמעו ולמען ילמדו ויראו את ה' אלקיכם ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת", ביז אז דאס האט געהאט א פעולה "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה" -

איז דאס אויך אן ענין כללי בכל העולם כולו, כולל אויך אויף אוה"ע, ווארום די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל", איז בשעת אן ענין האט א השפעה אויף א אידן, ובפרט אז דאס איז אן ענין כללי - האט עס בדרך ממילא אויך א השפעה אויף די גאנצע וועלט, וואס איז באשאפן געווארן בשבילו.

יא. דערצו דארף מען אבער האבן א התבוננות און חקירה ודרישה ווי די השפעה איז אין וועלט; איז נוסף לזה קומט צו נאך אן ענין בשנה הבאה, שנת הקהל, וואס ברענגט ארויס נאכמער בגלוי אין וועלט ווי דער ענין פון הקהל האט א השפעה אויף די גאנצע וועלט:

- שנה הבאה איז א שנת העיבור.

וואס א שנת העיבור באשטייט בפשטות דערפון וואס אין דעם יאר קומט צו נאך א חודש.

דער ענין פון א חודש איז - ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת - "חודש" על שם "חידוש", ווארום אין א חודש "התחדשות", "המחדש בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית", וכמבואר אין מאמרים (אוה"ת בראשית כ"ו בתחילתו), אז אע"פ וואס דער לשון איז "המחדש בטובו בכל <u>יום</u>", מיינט דאס ניט דוקא בכל יום, נאר בכל רגע ורגע איז דא התחדשות הבריאה.

וואס דערפון קומט אויס אז אין א שנת העיבור וואס דעמולט קומט צו א גאנצער חודש - קומען צו כו"כ ענינים וואס זיינען דא אין דעם חודש, ונוסף לזה קומט פשוט צו א גאנצער חודש וואס בכל רגע ורגע שלו איז דא דער "המחדש בטובו מעשה בראשית".

נאכמער:

דער אויפטו פון א שנת העיבור איז ניט נאר וואס אין איר קומט צו נאך א חודש, אבער שאר חדשי השנה איז בשוה מיט אנדערע יארן - נאר ווילבאלד אז עס קומט צו נאך א חודש און עס ווערט א שנת העיבור - ווערט די גאנצע יאר אן אנדערע,

וכלשון הגמרא - אז א שנת העיבור ווערט אנגערופן "<u>שנה</u> תמימה", ד.ה. די גאנצע יאר איז א "תמימה", און ווי דער צ"צ איז דאס מבאר אין זיינע הערות וביאורים אויף תהלים אויפן פסוק "השמים מספרים כבוד א-ל גו' תורת ה' תמימה", אין קאפיטל יט, דעם שבת'דיקן קאפיטל אין תהלים, און ווי ער ברענגט דארטן די גמרא אז "תמימה" - להביא שנת העיבור.

יב. מהמדובר לעיל, זעט מען אז עס זיינען דא א ריבוי ענינים אין דעם שבת, ויש להוסיף עוד ועוד.

ווי דערמאנט פריער (ס"א) דארף מען דאך האבן א הוראה און א מנהג פון וועלכן ענין צו אנהויבן רעדן -

האט מען די הוראה אין תורה אז "פותחין בדבר מלכות".

וואס דער עצם ענין פון "מלכות" ("פותחין בדבר <u>מלכות</u>") איז דאך פארבונדן מיט דער ענין פון כתר מלכות, וואס דאס האט א קשר מיטן בעש"ט, בידוע די שיחה



<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (וואס איז שוין אפגעדרוקט), אז דער בעש"ט איז כתר, און אין כתר גופא - איז ער פנימיות הכתר, עתיק, און דער מגיד איז אריך, און דער אלטער רבי איז חכמה, דער מיטעלער רבי בינה, און דער צ"צ דעת.

ס'איז דאך אבער פארשטאנדיק אז דער ענין פון התנשאות עצמית, כתר מלכות - נעמט זיך דוקא פון עצמיות און פנימיות הכתר - וואס דאס איז דער בעש"ט.

דערפאר וועט דער "דבר מלכות" וואס דערמיט "פותחין" - זיין א תורה פון דעם בעש"ט:

דער אלטער רבי האט דערציילט אז זייענדיק אין מעזריטש האט ער געהערט פון דעם מגיד בשם הבעש"ט - אז "החודש השביעי שהוא החודש הראשון לחדשי השנה, הקב"ה בעצמו מברכו בשבת מברכים שהוא השבת האחרון דחודש אלול, ובכח זה ישראל מברכים את החדשים י"א פעמים בשנה",

און דערנאך איז ער ממשיך: "כתיב אתם נצבים היום, דהיום קאי על ר"ה שהוא יום הדין, וכמ"ש ויהי היום וגו' ותרגם והוה יום דינא רבא [ווי עס שטייט אין זהר (ר"פ בא)], ואתם נצבים קיימים ועומדים, והיינו שזוכים בדין",

און "בשבת שלפני ר"ה שהוא השבת האחרון דחודש אלול קורין אז פרשת אתם נצבים, דזהו ברכתו של הקב"ה, בשבת מברכים חודש השביעי, שהוא המושבע והמשביע ברוב טוב לכל ישראל על כל השנה.

יג. דארף מען פארשטיין:

דער ענין פון "יום דינא רבא" איז דאך ניט קיין מעלה, אפילו דין סתם איז ניט קיין מעלה, עאכו"כ "דינא <u>רבא</u>" - איז וואס איז דא דער ענין וואס ער זאגט אז ר"ה איז "יום דינא רבא"?

הביאור בזה:

מ'האט גערעדט כמ"פ וועגן א שטר שיצא עליו ערעור און דערנאך האט ב"ד דאס מאשר געווען - באקומט דאס א תוקף מערער וויפל עס האט געהאט פאר דעם ערעור.

וואס איידער דער שטר איז מקוים געווארן אין ב"ד, איז עס אויך געווען א שטר כשר, או שטר אמת - אבער דעמולט איז געווען דער יכולת אז עס זאל זיין אן ערעור אויף דעם שטר;

משא"כ אבער לאחרי שיצא עליו ערעור, און מ'האט עס מאשר געווען - באקומט עס א גרעסערן תוקף, און עס קען מערניט זיין קיין ערעור אויף דעם שטר.

יד. עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו בריאת העולמות בכלל:

בריאת העולמות בתחילתו איז געווען מצד "כי חפץ חסד הוא", וואס דעמולט איז געווען "אדם אין לעבוד את האדמה", ס'איז ניט געווען דער ענין פון עבודת האדם.

שטייט אין מדרש אז בשעת דער אויבערשטער האט באשאפן אדה"ר, זיינען די מלאכים געקומען מיט טענות "אדם זה מה טיבו ומה אנוש כי תזכרנה", וואס דאס איז געווען אן ערעור כביכול אויף בריה"ע פון דעם אויבערשטן.

אויף דערויף איז גלייך געקומען דער ענטפער: "בראתי תורה כו' בראתי תשובה שעל ידו האדם מתכפר", וואס דעמולט וועדט דער אדם העכער פאר דעם ווי ער איז געווען פאר די עבירה וואס ער האט געטאן, ווי דער רמב"ם פסק'נט.

ועד"ז איז פארשטאנדיק הנדו"ד:

בשעת ס'איז דא דער "יום דינא רבא", איז שייך דער ענין פון זאגן (ווי די מלאכים האבן געזאגט) "נורא עלילה על בני אדם", און מערער זיין כביכול אויף בריאת האדם;

דערנאך אז מ'האט מאשר געווען די בריאה אין דעם ב"ד הגדול למעלה, און מ'האט געזאגט אז "אתם נצבים קיימים ועומדים" און מ'איז "זוכים בדין", וויבאלד אז מ'איז זיכער אז א איד וועט תשובה טאן - ווערט דעמולט אויפגעטאן אן עילוי און א תקנה נעלית יותר אין דער בריאה, אז מ'קען אויף איר מערניט מערער זיין.

וע"ד ווי עס שטייט אין מדרש, דער אויפטו פון דעם "אלה תולדות מלא" פון "אלה תולדות פרץ" לגבי דעם תולדות מלא פון "אלה תולדות שמים וארץ", וואס "אלה תולדות פרץ" טוט אויף אן עילוי נעלית יותר ווי ס'איז געווען בשעת "תולדות שמים וארץ", אז עס ווערט "זוכין בדין", א גאולה שאין אחרי' גלות, משא"כ בא בריה"ע איז געווען די יכולת אויף אן ענין פון ערעור.

יד. דער ביאור פארוואס דער ענין התשובה טוט אויף אן עילוי לגבי ווי ער איז געשטאנען פאר דעם חטא, אז מ'זאל מערניט קענען מערער זיין אויף אים:

דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא אז בשעת איינער איז מקיים א מצוה טוט ער אויף א יחוד למעלה, וואס "יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד".

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו מצות תשובה, אז דאס טוט אויף א יחוד נצחי, און דער יחוד נצחי ווערט אויפגעטאן (ניט נאר למעלה נאר אויך) למטה - ווארום מצות תשובה איז דוקא ווי די נשמה געפינט זיך למטה אין א גוף, וואס דארטן האט ער עובר געווען אויף א חטא - במילא איז פארשטאנדיק אז נאך דערויף וואס ער טוט תשובה, ווערט אויפגעטאן דאס אן ענין נצחי, און דערנאך קען דאס קיין ערעור ניט מבטל זיין.

און ווי די גמרא זאגט אז "במקום שבעלי תשובה עומדים צדיקים גמורים אין יכולין לעמוד שם", ניט נאר אז "אין עומדים שם", נאר "אין <u>יכולין</u> לעמוד שם", ס'איז בכלל ניט אין זייער גדר.

ובפרט לויט דעם ביאור פון דעם אלטן רבי'ן אין לקו"ת פ' האזינו (וואס מ'גייט באלד לייגען), אז דער ענין התשובה איז "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה", ד.ה. אז ווי ער געפינט זיך אלס א נשמה אין א גוף, ווערט ער דורך תשובה פארבונדן מיט די בחינה פון "נתנה", וואס דארטן איז דאך ניט שייך קיינע ענינים פון היפך הטוב, און וויבאלד אז מצות תשובה ווערט אן ענין נצחי, ווערט אויך נצחית דאס וואס ער איז פארבונדן מיט די בחינה פון "אשר נתנה", און במילא אויך נצחית אז ער האט קיין שייכות ניט מיט היפך הטוב.

טז. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק וואס איז דער עילוי אין דעם ענין פון דעם וואס ר"ה איז "יום דינא רבא", און אז אידן זיינען "זוכים בדין":

דאס איז דער עילוי וואס קומט צו דורך דער ענין התשובה, וואס דאס איז מבטל אלע אפשריות אז דערנאך זאל קענען זיין אן ענין פון ערעור אויף אידן.

און דאס ווערט שוין אויפגעטאן אין דעם שבת פאר ר"ה, וואס דעמולט לייענט מען "אתם נצבים היום", אז מ'איז "נצבים קיימים ועומדים", "היינו שזוכים בדין".

און דאס באקומט נאכמער תוקף וויבאלד אז דער בעש"ט האט עס געזאגט, וואס ער איז דאך כתר און פנימיות הכתר, ובפרט אז דאס קומט דערנאך אראפ דורך דעם

מגיד, וואס ער איז אריך, און דורך דעם אלטן רבי'ן (וואס ער האט געהערט די תורה פון דעם מגיד בשם הבעש"ט, כנ"ל), וואס ער איז חכמה, רדאס "פנימיות אבא פנימיות עתיק", אגן ער איז א נשמה חדשה, און ער האט אויך אויפגעטאן א חידוש אין תורת החסידות, דורך אראפברענגען דאס אין תורת חסידות חב"ד, וואס דאס איז דאך דער ענין אז פון אן ארט וואס איז נאך העכער פאר גבוה גבוה, קומט עס אראפ אין אן ארט וואס איז נידעריקער פאר למטה מטה,

וואס דאס איז אויך ע"ד דער ענין פון "הרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה", אז פון "נתנה" קומט אראפ דא למטה ביי א אידן אין א נשמה בגוף, און דאס איז אין אן אופן פון "נתנה" וואס "כל הנותן בעין יפה נותן".

יז. ואין ענין יוצא מידי פשוטו:

עס זאל נמשך ווערן באופן פון נתינה מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, און ווי עס שטייט אין סידור הבעש"ט - "הגדושה" מיט א גימ"ל, וואס דאס איז דאך א המשכה פון אן ארט וואס איז למעלה ממדות"ג פון די כלים דלמעלה, ובדרך ממילא איז די המשכה העכער אויך פאר די מדוה"ג דלמטה.

און מ'זאל האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, אין אלע ענינים בכללים און פרטים, וואס זיי ווערן אלע נכלל אין בני חיי ומזוני רויחי ובכולם רויחי.

ביז צו דער ברכה עיקרית - גאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו, וואס הוא ילמד את כל העם כולו תורה בכלל, און פנימיות התורה בפרט, ווארום דעמולט וועט זיין עיקר הלימוד אין פנימיות התורה, "ישקני מנשיקות פיהו", וואס דאס גייט אויף רזין דאורייתא.

און משיח וועט אויפטאן א שלימות אין עולם, אין שנה און אין נפש, ווארום ער איז דאך יחידה שבכל ישראל,

און ער וועט אויפטאן דער "הקהל את העם האנשים הנשים והטף גו'", בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

יח. מ'האט פריער דערמאנט אז בקביעות שנה זו ליינט מען פ' נצבים-וילך צוזאמען.

און ווי גערעדט אמאל בארוכה, איז דא א חידוש ותמי' בדבר: די צוויי (נעמען פון די) פרשיות, "נצבים", און "וילך", זיינען מתאר צוויי הפכיות'דיקע מצבים:

"נצבים" מיינט בפשטות - עמידה, אז מ'שטייט אויף איין ארט.

נאכמער: "נצבים" באווייזט אויף תוקף העמידה, ווי רש"י טייטשט אויך אפ פאר א בן חמש למקרא, אויף (אן ענין בכיוון הפכי פון "אתם נצבים היום כולכם גו'") "דתן ואבירם יצאו נצבים" - אז "נצבים" מיינט "בקומה זקופה".

און ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך דערפון וואס עס שטייט "נצב מלך": דער ענין פון א מלך איז תכלית התוקף - בשעת דער מלך זאגט עפעס, איז אין לשנות.

וואס דער ענין התוקף ביי א מלך דריקט זיך אויס (בעיקר) אין כתר המלך, ווארום כתר איז אן ענין עיקרי אין מלכות, ביז אז דער ענין פון "מלך ביופיו תחזינה עיניך" זעט זיך אן בעיקר אין דער כתר מלכות,

הנחה פרטית בלתי מוגה

און ווי מ'האט די ראי' דערצו (אז כתר איז נוגע מערער אין מלכות ווי שאר הענינים) פון דעם וואס עס שטייט אין מגילת אסתר, אז נאר דער סוס ולבוש האט דער מלך געגעבן אז א צווייטער זאל זיך דערמיט משתמש זיין, אבער ניט זיין כתר, ווארום כתר המלך איז נוגע מערער אין עצם ענין המלכות, ווי שאר הענינים, וכמבואר אין תורה אור, און אין אוה"ת.

און דער טעם פארוואס א כתר איז אזוי נוגע אין מלכות איז - דערפאר וואס כתר איז דער ענין התוקף, וואס דאס איז אן עיקר אין עצם ענין המלכות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער לשון "נצב" וואס שטייט ביי א מלך, "נצב מלך", באווייזט אויף אן עמידה בתוקף.

משא"כ די ספירה הב' - ספירת החכמה, איז דאך דער ענין פון הבנה והשגה, וואס דארטן איז ניטא אויף אזוי פיל דער ענין התוקף, ווארום ס'איז שייך משנה זיין אן ענין פון הבנה והשגה.

אפילו אויב ער קומט אן דורך די הבנה והשגה צו א מסקנא, איז אבער וויבאלד אז ער איז צוגעקומען צו די מסקנא דורך די הבנה והשגה - איז אזוי ווי מ'קען משנה זיין די סברות, און הבנה והשגה, אזוי קען מען אויך משנה זיין, אדער עכ"פ מחליש זיין די מסקנא.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויך אין ספירת החכמה אליין איז שייך אן ענין פון שינוי, אדער חלישות עכ"פ.

אפילו אויב איינער איז א חכם אמיתי, וואס ביי אים איז ניט שייך זאגן אז מ'זאל עפעס וואס משנה זיין, אדער מחליש זיין בהבנתו והשגתו - איז אבער אן ענין פון העלם והסתר אויף חכמתו איז יע שייך.

משא"כ אין ספירת הכתר, וואס אין עבודת האדם איז דאס די נקודת היהדות, אין יעדן אידן - איז ניט שייך קיינע שינויים, ביז אז אפילו א קל שבקלים וועט במעשה בפועל ניט טאן אן ענין פון היפך הרצון ה' בגלוי, ווי עס שטייט אין תניא.

און דער ענין פון כתר איז נוגע אין עצם ענין המלכות, וויבאלד אז אין מלכות איז נוגע דער ענין התוקף - "אמר מלכא עקר טורא", אן קיינע שינויים.

יט. "וילך" באווייזט אויף אן וואס איז פונקט פארקערט פון "נצבים": "וילך" מיינט בפשטות - הליכה, וואס דאס איז דאך דער ענין פון שינויים.

ובפרט אז בשעת תורת אמת נוצט דעם תואר "וילך" אויף די פעולה וואס ער טוט, איז דאך דאס א תואר אמיתי, ביז אמת לאמיתו - ד.ה. אז דאס איז "וילך" לויט דעם אמת'ן פירוש אין "וילך",

וואס דער אמיתית ענין פון הילוך איז מבואר אין חסידות אז דאס איז הליכה אין אן אופן פון באין ערוך, זיינען דאך דא כמה ענינים ונקודות וואס אין זיי איז ניט געווען הליכה, וואס פון זיי איז ער ניט אוועק, קען תורת אמת דעמולט ניט נוצן דעם תואר "וילך" אויף דעם וויבאלד אז ניט אין אלץ איז געווען "וילך";

וויבאלד אז תורת אמת נוצט אבער יע דעם תואר "וילך", איז פארשטאנדיק אז די הליכה איז בכל ענינים, ד.ה. אז ער איז פון אלע זיינע ענינים אוועק,

און דער "וילך" איז ניט נאר כפשוטו, אז ער גייט אוועק ממקום אחד למקום שני, נאר אויך "וילך" ממקום למקום, ווי דער פירוש פון דעם רמב"ם אין מקום, דער ענין פון מעלה ומדריגה, אז ער גייט אוועק פון מעלות ומדריגות וואו ער איז געשטאנען פאר דערויף, און א הליכה אין אלע פרטים שבזה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס דאס איז דאך אן ענין פון שינויים בתכלית.

כ. נקודה הנ"ל, אז "וילך" איז דער פירוש אז ער גייט אוועק פון זיינע ענינים - איז אויך פארשטאנדיק פון פירוש רש"י על פסוקים אלו:

אין פסוק שטייט "וילך משה וידבר את הדברים האלה אל כל ישראל, ויאמר אליהם בן מאה שנה אנכי היום לא אוכל עוד לצאת ולבוא גו'".

שטעלט זיך אויף דערויף רש"י און זאגט אז פון "לא אוכל לצאת ולבוא" לערנט מען אפ אז "נסתמו ממנו מסורות ומעיינות החכמה".

והביאור בזה:

דער בן חמש למקרא ווייס אז ענינו פון משה איז געווען תורה, וואס דאס איז דער ענין החכמה - ווי ער האט געלערנט אז "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", און "וידבר אלקים את כל הדברים האלה לאמר", איז געווען דורך משה, און "ואתה פה עמוד עמדי", און "ואל משה אמר עלה", וכו'.

און בשעת דער בן חמש למקרא לערנט אין פסוק אז עס שטייט אז "וילך משה", פארשטייט ער אז משה איז אוועק, ד.ה. אז ער איז אוועק פון וואו ער איז געווען ביז דעמולט - איז אויב מ'וועט זאגן אז עס איז ביי אים געבליבן דער ענין החכמה, וואס דאס איז עיקר ענינו - איז דאך דא ניט געווען קיין "וילך", ער איז פון זיין עיקר ניט אוועק.

דערפאר זאגט רש"י אז "נסתמו ממנו מסורות ומעינות החכמה", אז ביי אים איז טאקע געווען "וילך" פון ענין החכמה - "נסתמו ממנו מסורות ומעינות החכמה".

כא. מאמר המוסגר:

דער עצם זאך וואס רש"י זאגט אז דעמולט "נסתמו ממנו מסורות ומעינות החכמה" - איז א דבר פלא:

יענעם טאג ווען משה האט גערעדט מיט די אידן, איז דאך געווען יום הולדתו, וואס דאס אליין איז מדגיש אז ער איז דעמולט געשטאנען בתכלית העילוי; נוסף לזה איז דאס געווען זיין יום הולדת ווען ער איז געווארן "בן מאה ועשרים שנה" (ווי ער האט אליין געזאגט), וואס דאס איז נאכמער מדגיש אז ער איז דעמולט געשטאנען בתכלית העילוי - ווארום דער ענין פון לעבן ק"כ שנה איז געווען אן ענין נעלה, כמובן דערפון וואס מ'געפינט עס נאר בא פיר מענטשן: בא משה רבינו, בא ר' יוחנן בן זכאי, בא הלל, און בא ר' עקיבא.

איז היתכן צו זאגן אז אין יענעם טאג, ווען משה איז געשטאנען בתכלית העילוי, און מ'זאגט אז "לא כהתה עינו ולא נס לחה", איז "נסתמו ממנו מסורות ומעינות החכמה"?!

איז דער ביאור בזה - מיוסד אויף דעם וואס חסידות איז מבאר, אז דאס וואס בא משה איז געווען "כבד פה וכבד לשון", און נאכמער - "מי שם פה לאדם", וואס "כבד פה וכבד לשון", איז עכ"פ עפעס א קול ארויס, נאר ס'איז געווען בכבידות, משא"כ "מי שם פה לאדם" איז דער פירוש אז ס'איז גאר קיין "פה" ניטא - איז דאס געווען דערפאר וואס ער איז געשטאנען אין א דרגא נעלית פון ביטול, איז זיין דיבור אראפגעקומען אין אן אופן פון "כבד פה וכבד לשון", ביז - "מי שם פה לאדם".

עד"ז קען מען זאגן בנדו"ד:



הנחה פרטית בלתי מוגה

עס שטייט ניט אז דעמולט האט משה רבינו ח"ו ניט געהאט "מסורות ומעינות החכמה" - עס שטייט נאר אז "נסתמה ממנו מסורות ומעינות החכמה",

וואס דער פירוש אין דעם איז: וויבאלד אז משה איז דעמולט געשטאנען אין א דרגה נעלית ביותר - איז ער צוגעקומען צו א דרגא אין חכמה וואס איז העכער פון צו נמשך ווערן למטה, די חכמה איז ביי אים געווארן אין אופן פון "נסתמה" די הרגה פון סתימו דכל סתימין.

ע"ד ווי ס'איז געווען בא דעם רשב"י ביום פטירתו, אז ער האט דעמולט עולה געווען במקורו ושרשו.

עפ"ז ווערט אבער א צווייטע שאלה:

ווי קען מען זאגן אז דעמולט "נסתמו ממנו מסורות ומעינות החמה" - מ'געפינט נאך דערויף כמה פרשיות אין תורה וואס משה האט געזאגט: די פרשה פון וזאת הברכה און פון האזינו, און אויך כמה מצוות: מצות הקהל, מצות כתיבת תורה ע"י המלך?

איז דערפון גופא א הוכחה אז די ענינים וואס משה האט געזאגט נאך דערויף וואס "נסתמו ממנו מסורות ומעינות החכמה" - קומען פון אן אנדער דרגא ווי די דרגא פון "נסתמו", סתימו דכל סתימין.

ע"כ המאמר המוסגר.

מב. מהמבואר לעיל קומט אויס אז די צוויי (נעמען פון די) פרשיות "נצבים" און "וילך" באווייזן אויף צוויי ענינים הפוכים לגמרי: "נצבים" באווייזט אויף דער ענין התוקף און העדר השינוי, און "וילך" באווייזט אויף הליכה בכל הענינים, דער גרעסטער ענין פון שינוי.

און בקביעות שנה זו קומען די ביידע פרשיות צוזאמען, ביז אז זיי ווערן אייך פרשה, ווי געזעט פריער אז מצד דערויף וואס מ'לייענט בשנה זו אויך פ' וילך ווערט אן עלי' אויך אין פ' נצבים, וויבאלד אז זיי ווערן איין זאך.

כג. פון יעדער זאך וויל מען דאך ארויסנעמען א הוראה בנוגע למעשה, וואס "המעשה הוא העיקר":

בא יעדן מענטשן דארף זיין די צוויי ענינים פון "נצבים", דער ענין התוקף, אזן "וילך", דער ענין ההליכה, בעבודתו:

עס שטייט אין שולחן ערוך אורח חיים אין דעם ערשטן סימן אין דעם ערשטן סעיף בתחילתו: "הוי עז כנמר כו' וגבור כארי", און "לא להתבייש בפני כל אדם המלעיגים", וואס דאס איז עבודה מיט א תוקף, אזוי ווי א מלך דארף זיך פירן (כנ"ל), וואס איז דער "מלך שבחיות", און מ'דארף זיין "גבור כארי" - די עבודה אין אן אופן פון "נצבים".

אין דעם זעלבן סעיף פון שו"ע שטייט אויך: אז מ'זאל זיין "רץ כצבי" און "קל כנשר".

וואס דער ענין פון "רץ כצבי" איז די עבודה אין אן אופן פון הליכה, און ניט נאר הליכה, נאר "רץ כצבי".

און מ'זאגט אז די עבודה דארף ניט זיין מיט א השתדלות מיוחדת - נאר "קל כנשר": אזוי ווי "דרך נשר בשמים" פליט ער בקלות אין שמים - אזוי אויך בעבודת כאו"א, אויב ער דארף פליען אין "שמים" איז דאס ביי אים "קל". און אפילו ווען ער איז "רץ כצבי" בארץ איז דאס אויך בקלות.



הנחה פרטית בלתי מוגה

און דער ריצה איז אין אופן פון "רץ כצבי", ניט "רץ כסוס". וביאור החילוק:

בשעת א סוס לויפט קען אויף אים זיצן א מענטש, ווי מ'זעט עס בנוגע צו מלחמה אז בשעת א מענטש זיצט אויף א סוס איז דאס אים מסייע אין מלחמה, ווארום ער קען גיכער לויפן מיטן סוס ווי ער איז בפ"ע, און דאס איז תכלית השלימות פון דעם סוס, בשעת מ'נוצט אים אויס למלחמה;

משא"כ ווען א צבי לויפט קען אויף אים ניט זיצן קיין מענטש, ווארום זיין לויפן איז במהירות גדולה.

וואס דערפאר שטייט "ברח דודי ודמה לך לצבי על הרי בשמים", און "סוב דודי ודמה לך לצבי על הרי בתר" - ווארום דוקא צבי מצד דער אופן ווי ער לויפט קען ער מהפך זיין "הרי בתר" זאלן ווערן "הרי בשמים", ווי דער צ"צ איז דאס מבאר אין זיינע רשימות אויף שה"ש.

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די עבודה פון "רץ כצבי", אז די עבודה איז ניט נאר אין אן אופן פון הליכה, נאר "רץ", און ניט נאר "רץ", נאר אויך "רץ כצבי".

כד. וואס דאס זיינען די צוויי עבודות פון "נצבים", און "וילך", ווי זיי שטייען בפירוש אין התחלת השו"ע, אלס א הקדמה צו אלע ד' חלקי שו"ע,

גענומען פון דער משנה אין סיום וחותם פון פרק ה' אין פרקי אבות, "יהודה בן תימא אומר וכו'" [וואס לויט דעם "יש נוהגין" צו לערנען פרקי אבות "בשבתות הקיץ", לערנט מען היינטיקן שבת פרק ה' און פרק ו', און דער משנה שטייט אין סוף פרק ה']:

"נצבים" איז די צוויי ענינים פון "עז כנמר", און "גבור כארי", און "וילך" איז די צוויי ענינים פון "קל כנשר", און "רץ כצבי".

כה. מ'דארף נאך אבער פארשטיין ווי איז שייך אז די בײדע עבודות זאלן זיין בא דעם זעלבן מענטשן - זיי זיינען דאך צוויי ממש פארקערטע עבודות?

איז דער ביאור בזה:

ע"ד ווי עס שטייט אין ספרי בנוגע צו אהבה און יראה, אז "אין לך אהבה במקום יראה, ויראה במקום אהבה אלא במדת הקב"ה בלבד", ווארום ביי א מענטשן זיינען זיי צוויי הפכים, אבער בשעת מ'טוט עבודת ה' קען דאס זיין צוזאמען, ווי עס שטייט "ואהבת את ה' אלקיך", און "את ה' אלקיך תיראו" (מיט נאך כמה פסוקים וואס באווייזן אויף דער ענין היראה לה') -

עד"ז איז אויך בנדו"ד: בשעת מ'איז עובד ה' קען מען טאָן בײדע ענינים, די עבודה פון "נצבים" און די עבודה פון "וילך", צוזאמען.

ס'איז דאך אבער פארט לאו כל מוחא סביל דא צו טאן צוויי פארקערטע עבודות, און ס'איז דאך "איני מבקש אלא לפי כחן" - איז אויף דערויף די עצה, ע"ד ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא בנוגע צו חדוה און בכי', וואס זיי זיינען אויך פארקערטע עבודות, אז בשעת מ'האלט אין נידעריקע דרגות אין עבודה, איז די עצה אז זמנים מיוחדים זאל מען טאן די עבודה פארבונדן מיט חדוה, און אין אנדערע זמנים זאל מען טאן די עבודה פארבונדן מיט בכי',

עד"ז בנוגע צו די צוויי עבודות פון "נצבים", און "וילך": בשעת מ'האלט נאך



הנחה פרטית בלתי מוגה

ניט בא שלימות העבודה, דארף מען טאן די צוויי עבודות אין באזונדערע זמנים תלוי בזה וואס איז דער ענין שהזמן גרמא: ס'איז דא א זמן וואס מ'דארף טאן נאר די עבודה פון "נצבים", אדער עכ"פ אז דאס איז דער עיקר העבודה דעמולט; און ס'איז דא א זמן וואס מ'דארף טאן נאר די עבודה פון "וילך", אדער עכ"פ אז דאס איז דער עיקר העבודה דעמולט.

ביז אז דאס דריקט זיך אויס אין די קביעות פון כמה שנים - אז בכמה שנים איז די קביעות אז פ' נצבים און פ' וילך זיינען באזונדער, וואס דאס איז מדגיש ווי זיי זיינען צוויי באזונדערע עבודות.

כו. דערפון גופא אבער וואס איינער קען ניט טאן ביידע עבודות צוזאמען, איז א הוכחה אז ער האלט נאך ניט בא שלימות העבודה.

[וואס דאס איז בכללות דער מצב אין זמן הגלות, אז ס'איז ניט דער ענין פון שלימות העבודה, ווארום בשעת מ'קומט צו צו א שלימות אין די עבודה וועלכע מ'טוט, זעט מען ערשט דעמולט אז ס'איז דא נאך א העכערע עבודה, און אזוי העכער און העכער].

בשעת מ'האלט אבער בא שלימות העבודה קענען די ביידע עבודות זיין צוזאמען, ווארום בשעת ער איז עובד ה' בשלימותו, פארבינדט ער זיך מיט דעם אויבערשטן, און "במדת הקב"ה" קען זיין צוויי פארקערטע עבודות צוזאמען, כנ"ל פון ספרי.

ועי"ד ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (ש"פ תבוא, ח"י אלול) פון דעם וואס עס שטייט אין המשך תרס"ו, אז אן עבד פשוט איז אזוי בטל צו דעם אדון זיינעם, אז זיינע כחות ווערן אוים די אייגענע כחות, און זיי ווערן כחות האדון,

און מצד דעם וואס ער איז אזוי בטל צו דעם אדון, איז ער מקיים רצון האדון אן קיין נפק"מ וואס דער אדון זאל אים זאגן,

"אילו נצטוינו לחטוב עצים" טוט ער דאס פונקט ווי ער טוט שאר הענינים, ווארום "האזינו השמים ואדרבה ותשמע הארץ אמרי פי" - זיין גאנצער מציאות איז נאר צו הערן וואס מ'זאגט אים פון "שמים", און דאס צו מקיים זיין,

און דערפאר איז אפילו אויב דער אדון זאגט אים צו טאן הפכים טוט ער דאס אויך, ווארום ער טוט עס ניט מצד זיינע כחות, נאר מצד כחות האדון, ד.ה. מצד די כחות פון דעם אויבערשטן.

וואס אויב ער וואלט געטאן עבודתו מיט די אייגענע כחות, און לפי מציאותו - זיינען דעמולט טאקע "נצבים" - יראה, און "וילך" - אהבה, הפכים;

בשעת ער טוט אבער נאר דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער געהייסן, מצד ציווי ה' - איז דאך קיין נפק"מ וואס ער איז מקיים - בשעת ער האט אהבה איז ער מקיים ציווי ה', און בשעת ער האט יראה איז ער מקיים ציווי ה', בשעת ער טוט די עבודה פון "נצבים" איז ער מקיים ציווי ה', און בשעת ער טוט די עבודה פון "וילך" איז ער מקיים ציווי ה' - זיינען דאך דעמולט די צוויי עבודות ניט קיין פארקערטע עבודות, און דערפאר קען ער טאן ביידע פון זיי צוזאמען, און וויבאלד אז "איני מבקש אלא לפי כחן" - דערפאר האט מען איינגעשטעלט אז בכמה שנים לייענט מען פ' נצבים אליין.

כז. ועי"ד ווי גערעדט אמאל דער ביאור אין דעם מחלוקת פון ר' ישמעאל און ר' עקיבא בנוגע דעם אופן ווי אידן האבן ארויסגעזאגט זייער קבלה פון די עשרת הדברות: ר' ישמעאל זאגט "שהיו אומרים על הן הן ועל לאו לאו", און ר' עקיבא זאגט אז די אידן האבן געענטפערט "על הן הן ועל לאו הן":



הנחה פרטית בלתי מוגה

ר' ישמעאל רעדט לויט ווי דער הרגש איז בא דעם מענטשן לויט גדרים שלו, וואס דעמולט איז א מצות עשה אן ענין פון "הן", און א מצות לא תעשה אן ענין פון "לאו";

ר' עקיבא רעדט אבער ווי עס דארף זיין שלימות העבודה, וואו דער מענטש איז אינגאנצן בטל צו רצון האדון, צו רצון ה', וואס דעמולט גלייכן זיך אויס אלע מצוות דערמיט וואס זיי זיינען אלע בשוה רצון ה' - צי דאס איז א מצות עשה, צי דאס איז א מצות לא תעשה, איז דאס אלץ "הן", אן ענין חיובי, אז דורך דעם איז מען מקיים רצון ה': "לא תאכל חלב" איז ניט קיין ענין שללי נאר אן ענין חיובי, אז דורך דעם "לא תאכל" איז ער מקיים רצון ה' פונקט ווי דורך א מצות עשה, ועד"ז בנוגע צו אלע ציוויי הקב"ה.

וואס דער אופן העבודה (שלימות העבודה) איז א עבודה וואס ענינה איז נאר בנין, און ניט סתירה ח"ו, אפילו ניט סתירה און דערנאך בנין, אדער סותר על מנת לבנות - ווארום דאס איז אויך אן ענין פון סתירה, ס'איז מערניט וואס דער סתירה איז על מנת לבנות - נאר די כוונה איז אז עס זאל זיין מערניט ווי בנין, אן ענין חיובי.

און ווי יעדער זאך איז אויך דאס נרמז אין נגלה דתורה: די גמרא זאגט אז "ישב ולא עבר עבירה כאילו קיימו מצוה", ווארום די כוונה איז בנין וחיוב, איז אפילו וועג ער טוט ניט קיין עבודה איז ניט נאר אין דערויף פאראן דער ענין שללי, אז "לא עבר עבירה" - נאר אויך אן ענין פון בנין און חיוב - "כאילו קיים מצוה".

כח. וואס די נקודה איז אויך פארבונדן דערמיט וואס עס שטייט אין סוף פרק ו' (היינטיקן פרק, כנ"ל) פון פרקי אבות - "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו", אז אין יעדער ענין אין וועלט איז דא ווי דאס איז "לכבודו" של הקב"ה, אן ענין חיובי.

אין דערויף איז אבער דא חדש ביאור:

מ'איז דאך מבאר אויף "וגם רשע ליום רעה", אז די כוונה אין דעם איז, אז דער "רשע" זאל תשובה טאן, און דורך דערויף מאכן פון "רעה" דער ענין פון "יום" און אור.

וואס דערפון קומט אויס אז ס'איז דא אן ענין אין וועלט וואס אין אים באשטייט דער "לכבודו" ניט אין חיוב שלו, נאר דורך שולל זיין מציאותו און דערפון מאכן אן ענין "לכבודו"?

וכפי שיתבאר לקמן.

כט. דער חיבור פון די צוויי עבודות פון "נצבים", תוקף, און "וילך", הליכה - קען מען פארשטיין אויך בפשטות, און אין דערויף האט מען אויך די הוראה בנוגע לפועל:

רבותינו נשיאנו שטורעמען שוין אלע יארן (אין די לעצטע יארן) און אויך בשנה זו - אז מ'דארף ארויסגיין אין וועלט און מפיץ זיין יהדות בכלל, ובמיוחד - מפיץ זיין די מעינות פון חסידות.

וואס אזוי געפינט ער זיך דאך אין די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און ער איז זיינער א תלמיד, און לערנט תורתו, און דורך דערויף איז ער מקושר צו אים, כידוע דער ענטפער אויף די שאלה ווי ווערט מען א מקושר - דורך לערנען די תורה וואס איך לערן, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט, וואס דאס מיינט בפשטות אז מ'לערנט די תורה וואס דער רבי זאגט, און חזר'ט.



הנחה פרטית בלתי מוגה

דערנאך זאגט מען אים אבער. גיי ארויס אין וועלט, "צא מן הענן", אין אן ארט מחוץ למחנה, צו אידן וואס ווייסן ניט וועגן יהדות, אדער עכ"פ וועגן חסידות, וואס אפילו אויף אזא וואס ווייס ניט וועגן חסידות איז אויך אן אך-און-וויי, ועאכו"כ אויף איינעם וואס ווייס ניט וועגן דער אל"ף בי"ת פון יהדות.

און אע"פ אז בשעת ער גייט ארויס "מן הענן" דארף ער גיין מלחמה האבן מיט עמלק, ער דארף ארויסגיין אין וועלט וואס איז "עמלק בגימטריא ספק", און אין דער קאלטקייט (עמלק) פון וועלט מיט די אלע פרטים שבזה, וואס כמובן אז בשעת ער געפינט זיך "מחוץ למחנה" איז עס ניט בדומה ווי בשעת ער געפינט זיך אין דער מחנה -

פונדעסטוועגן זאגט מען אים אז ער גייט ארויס "מן הענן" בשליחותו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס "שלוחו של אדם כמותו", במילא האט ער דער גאנצער תוקף, דער "נצבים", אין דעם "וילך", אין דער הליכה מחוץ מן הענן ומן המחנה - דער חיבור פון "נצבים", און "וילך".

וואס דאס איז בפשטות דער חיבור פון "נצבים", און "וילך".

וע"ד ווי דאס איז געווען בא מלחמת עמלק כפשוטו:

בהמשך לזה וואס דער פסוק דערציילט אז משה האט געזאגט צו יהושע "בחר לנו אנשים וצא הלחם עם עמלק", דערציילט ער אז בשעת דער מלחמה "והי' כאשר ירים משה ידו וגבר ישראל וכאשר יניח ידו וגבר עמלק".

איז דער משנה (ר"ה כט, א) מסביר: "וכי ידיו של משה עושות מלחמה או שוברות מלחמה? אלא לומר לך כל זמן שהיו ישראל מסתכלין כלפי מעלה ומשעבדין את לבם לאביהן שבשמים היו מתגברים, ואם לאו היו נופלים".

דאס הייסט אז ווי אידן האבן זיך געפונען מחוץ למחנה אונ געהאלטן מלחמה מיט עמלק - זיינען זיי דארטן געווען פארבונדן, דורך ידי משה, מיט "אביהן", און מיט "אביהן" ווי ער געפינט זיך "בשמים".

ל. און דערפון האט מען אויך בפשטות די הוראה:

מ'מאנט פון יעדער איינעם אז ער זאל ארויסגיין אין וועלט און העלפן אידן וואס ווייסן ניט וועגן יהדות, אדער ווייסן ניט וועגן די מעינות פון חסידות, וואס גאר דער אל"ף בי"ת פון יהדות, אע"פ אז לכאורה איז חסידות דער קצה הכי עליון, דאס אבער דערגייס ביז דער קצה הכי תחתון.

און מ'דארף טאן מיט זיי לפי ערכם און געבן זיי צו פארשטיין וואס אידישקייט איז "בלשון כל עם ועם", ד.ה. ניט נאר רעדן אויף לשון הקודש, אדער נאר אויף אידיש, וואס דאס איז דאך דער לשון אין וועלכע דער בעש"ט האט גערעדט, ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק, ועד"ז האבן רבותינו נשיאנו ביז כ"ק מו"ח אדמו"ר גערעדט אין דער שפראך - נאר אויך אין די אנדערע שבעים לשון בעולם, אין "באר היטב", בכל מקום ומקום לפי לשונו.

און אויך רעדן אין א סגנון וואס יענער קען דאס פארשטיין, און ניט רעדן ברמזים, און טראכטן בא זיך אז "די לחכימא ברמיזא", נאר רעדן מיט אים לויט השגתו, און אים געבן א משל אויב ער דארף דאס האבן, ביז - אויב מ'דארף, דארף מען אים געבן "שלשת אלפים משל", וואס דאס איז א משל למטה און א משל בתוך משל, ביז אז מ'איז זיך יורד צו יענעם שלשת אלפים דרגות.

וואס אע"פ אז געבן "שלשת אלפים משל" איז געזאגט געווארן בנוגע צו דער חכם

מכל אדם, שלמה המלך - איז אבער וויבאלד אז עס שטייט אין תורה, וואס יעדער איד האט אן אות אין דער תורה - איז א שמץ מינהו שייך בא כאו"א.

לא. וואס באופן הנ"ל דארף זיין דער צוגאנג צו יעדן אידן בנוגע צו אלע ענינים פון אידישקייט און תומ"צ,

אנהויבנדיק פון די ענינים כלליים וואס רבותינו נשיאנו מאנען, וואס זיי זיינען כלליים וואס זיינען כולל אין זיך אנדערע פרטים, אבער אויך זיי זיינען פרטים:

דער ענין פון אהבת ישראל, דער ענין פון חינוך, דער ענין פון תורה, דער ענין פון תפילין, דער ענין פון מזוזה, דער ענין פון צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', דער ענין פון נרות שבת קודש, דער ענין פון כשרות האכו"ש, דער ענין פון טהרת המשפחה, דער ענין פון "מיהו יהודי",

דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", אז עס זאל זיין "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז", ובפרט אלס א הכנה צו הקהל, ווי גערעדט פריער (שיחה לילדי מחנות קיץ שי').

און דער ענין פון די כוללים - "כולל תפארת זקנים (ומה טוב אויב מ'וועט צוגעבן דעם נאמען) לוי יצחק", "כולל חכמת נשים", און דער ענין פון "תפארת בחורים".

און דער ענין פון "ושלחו מנות לאין נכון לו" - ארויסהעלפן די וואס קענען דאס אליין ניט טאן אין מקיים זיין בר"ה דער ציווי אין שו"ע פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים", וכהמשך הכתוב - "כי קדוש היום לאדונינו ואל תעצבו כי חדות ה' היא מעוזכם".

און דאס מיינט מען יעדער איינעם כפשוטו, טאקע אים אליין, אין ברוקלין, אין קראון-הייטס, ועד"ז אין אלע אנדערע ערטער אין חו"ל, און אין ארץ ישראל!

ווארום די תורה איז דאך געגעבן געווארן צו יעדער איינעם אלס א יחיד - "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים", "לא יהי' לך גו'", אלס לשון יחיד, וואס די צוויי דברות זיינען דאך כולל כל התורה כולה - "אנכי ה' אלקיך" איז דער ענין פון אהבה, דער שרש כל רמ"ח מ"ע, און "ולא יהי' לך גו'" איז דער ענין פון יראה, שרש כל שס"ה מל"ת.

און יעדער איינער דארף זיך פארשטעלן ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר רעדט די אלע ענינים נאר צו אים אליין, און קיין צווייטער שטייט ניט דערביי, און דער "אים אליין" איז טאקע יעדער איינער כפשוטו!

און ער אליין איז דער דורך וועמען כ"ק מו"ח אדמו"ר וויל דורכפירן די כוונה אין די ענינים אויף וועלכע ער האט זיך מוסר נפש געווען.

לב. און די אלע ענינים האמורים לעיל ווערן דער כלי צו דעם "אתם נצבים היום כולכם", אז עס זאל זיין "נצבים קיימים ועומדים", און "זוכים בדין".

ובפרט דורך דעם וואס מ'איז מקיים אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב, און ווי ער זאגט אין היינטיקער הפטורה "שוש אשיש בה' תגל נפשי באלקי", וואס "לא פירוש מי הוא האומר דהיינו לפי שהוא מאמר הנביא בעד כללות ישראל" (לקו"ת נצבים מז, א), ד.ה. אז יעדער איד זאגט "שוש אשיש בה' תגל נפשי באלקי" - אז ער האט בטחון אין דעם אויבערשטן ובמילא איז ער בשמחה.

און מ'גייט אריין אין דעם נייעם יאר מיט שמחה, ווויסנדיק מיט א זיכערקייט

הנחה פרטית בלתי מוגה

אז מ'וועט זוכה זיין בדין, ווארום מ'איז "נצבים קיימים ועומדים" נאך פאר ר"ה.

און מ'גייט מקבל זיין פני משיח צדקנו אין דער גאולה האמיתית והשלימה, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

לג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה שוש אשיש בה' גו'.

* * *

לד. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק מיט פירש"י פון פרשת השבוע, איז וויבאלד מ'שטייט פאר שנת הקהל, וועט מען זיך אפשטעלן אויף א פרש"י אין דעם ענין פון הקהל.

אין קאפיטל לא פסוק י"ד שטייט: "מקץ שבע שנים, במועד שנת השמיטה בחג הסוכות".

שטעלט זיך רש"י אויף "מקץ שבע שנים", און איז מבאר: "בשנה ראשונה של שמיטה שהיא שנה שמינית, ולמה קורא אותה שנת השמיטה, שעדיין שביעית נוהגת בה בקציר של שביעית היוצא למוצאי שביעית".

דער מקור פון פרש"י איז אין גמרא סוטה (מא, א); אבער ווי גערעדט כמה פעמים איז דאך ענינו של רש"י ניט מעתיק זיין גמרות וכיו"ב - נאר מבאר זיין פשוטו של מקרא, ווי רש"י אליין זאגט בכ"מ "ואני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא" - במילא איז פארשטאנדיק, אז דער פירוש רש"י איז א ביאור אין דעם פסוק ע"פ פשש"מ.

די הסברה אין דעם פרש"י: וויבאלד אין פסוק שטייט "מקץ שבע שנים" - קען מען דאך מיינען אז דאס מיינט "בסוף שבע שנים", ווי רש"י האט ארויסגעגעבן דעם כלל אין אנהויב פ' מקץ - "וכל לשון קץ סוף הוא";

דעריבער באווארנט רש"י אז דא מיינט "מקץ" - נאך שמיטה, "בשנה ראשונה של שמיטה שהיא שנה שמינית".

לפי זה ווערט דאך אבער שווער וואס עס שטייט "במועד שנת השמיטה"? איז רש"י מבאר, "שעדיין שביעית נוהגת בה בקציר של שביעית היוצא למוצאי שביעית".

ס'איז אבער דורש ביאור:

א) וויבאלד לשון הכתוב איז "מקץ שבע שנים", און רש"י איז מפרש אז דאס מיינט אין "שנה השמינית" - איז פארוואס איז רש"י מקדים אז דאס איז "בשנה ראשונה של שמיטה"? וויבאלד אז דאס איז שנה השמינית פון דעם פריערדיקן שמיטה - וואס איז דא נוגע אז דאס איז "שנה ראשונה" פון דער קומענדיקער שמיטה? ובפרט אז לשון הכתוב איז אויך "וזרעתם את השנה השמינית"?

נאכמער: אז מ'גיט א קוק אין דעם מקור פון פרש"י, אין מס' סוטה, זעט מען אז דארט שטייט טאקע ניט אז דאס איז "שנה ראשונה של שמיטה"?

ב) וואס איז דער ביאור אין דעם וואס "קורא אותה שנת השמיטה - שעדיין שביעית נוהגת בה בקציר של שביעית היוצא למוצאי שביעית": צי דען איז דאס געווען סיבה אז דער גאנצער יאר זאל הייסן "שנת השמיטה", וויבאלד לגבי א פרט מסויים איז מען דעמולט מחויב אין עניני שמיטה?



הנחה פרטית בלתי מוגה

נאכמער: פון דעם ענין גופא איז גאר מוכח אז דאס איז נ̲י̲ט̲ שנת השמיטה אליין, ס'איז "מ̲ו̲צ̲א̲י̲ שביעית", און דעמולט זיינען חל די דינים פון שמיטה אויף דעם "קציר של שביעית"?

אויך בכללות איז ניט מובן: דא רעדט זיך דאך וועגן דער מצוה פון "הקהל", ניט וועגן מצות שמיטה (וואס רעדט זיך אין פ' בהר) - איז וואס איז דא נוגע צו מדגיש זיין, אז במוצאי שביעית איז שביעית נוהגת כו'?

בשלמא ע"ד ההלכה, איז דא אויך דער לימוד ע"ד הרמז וכו', במילא האט אן ארט אז תורה זאל דא מרמז זיין א דין אין הל' שמיטה - אבער ע"פ פשש"מ האט לכאורה לגמרי קיין ארט ניט דערמאנען "שנת השמיטה" בשעת ס'רעדט זיך וועגן מצות הקהל.

ועוד כמה וכמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן, מיוסד אויפן כלל אז פרש"י עה"ת איז פשש"מ, און אלץ וואס רש"י שרייבט איז בתכלית הדיוק, און דער בן חמש למקרא דארף ניט גיין זוכן דעם פירוש אין מפרשי רש"י, ובפרט אז אפילו אויב ער וועט וועלן גיין זוכן אין מפרשי רש"י - וועט ער דארטן גארניט געפינען, ווארום די (די וואס איך האב געזען) שטעלן זיך בכלל ניט אויף דעם.

אז מ'רעדט שוין וועגן תכלית הדיוק שבפרש"י - איז כאן המקום מוסיף זיין ביאור אין די פירושי רש"י וואס מ'האט מבאר געווען אין דער פריערדיקער התוועדות.

אין פרש"י געפינט מען צוויי אופנים ווי ער איז מבאר דעם לשון הכתוב "אשר אנכי מצוך היום" וכיו"ב:

אמאל זאגט רש"י אז דאס מיינט, אז דער ציווי זאל זיין בכל יום "כ̲ח̲ד̲ש̲ה̲", מיט א כ"ף הדמיון; און אמאל זאגט ער "בכל יום ויום יהיו בעיניך ח̲ד̲ש̲י̲ם̲", אן א כ"ף הדמיון.

האט מען אין דערויף מבאר געווען אז פרש"י איז בתכלית הדיוק, און בכל מקום איז רש"י מפרש ווי דער פסוק זאגט:

בשעת ס'שטייט "מצוך היום" סתם, האט מען דערפון נאר א לימוד אז דאס דארף א אידן אין אן אופן פון "היום", יעדן טאג "כחדשה", מ'האט אבער דערפון קיין לימוד נ̲ו̲ס̲ף̲ ניט אז דאס דארף זיין "חדשים" ממש - דעריבער טייטשט רש"י "כ̲חדשה", בכ"ף הדמיון, משא"כ ווען דער פסוק זאגט "היום הזה", איז פון דעם ייתור לשון "הזה" מוכח אז נוסף לזה וואס עס דארף זיין "היום"- "כחדשה" דארף דאס זיין "חדשים" ממש.

האט מען אין דערויף געפרעגט:

אין פ' עקב, אין דער פרשה "והי' אם שמוע תשמעו", שטייט "אשר אנכי מצוה אתכם היום" - און רש"י איז מפרש "שיהיו עליכם חדשים", אן א כ"ף הדמיון.

איז ניט מובן: אין פסוק שטייט דאך ניט היום ה̲ז̲ה̲ - איז פון וואנענט נעמט רש"י אז עס דארף זיין "חדשים" ממש?

ובאמת איז דאס ניט נאר א שאלה אין די ווערטער נאר אין כללות התוכן:

ס'איז דאך ידוע וואס די גמרא זאגט וועגן דעם חילוק צווישן פרשה ראשונה של ק"ש און פרשה שני' של ק"ש (ברכות לה, ב); און מ'דארף גאר ניט אנקומען צו דער גמרא, ווייל דער בן חמש למקרא פארשטייט דאס אליין:

אין פ' והי' אם שמוע ווערט באווארנט "השמרו לכם פן יפתה לבבכם וגו'",

ד.ה. אז ס'רעדט זיך וועגן א מעמד ומצב וואס מ'דארף דאס באווארענען; משא"כ אין פ' ראשונה דארף מען ניט באווארענען דעם גאנצן ענין -

במילא ווערט ניט מובן: אין פרשה ראשונה של ק"ש, ווען מ'שטילט אין א מעמד ומצב נעלה יותר - זאגט רש"י "כחדשה" מיט א כ"ף הדמיון, ד.ה. מ'מאנט פון אים ס'זאל זיין נאר "כחדשה"; און אין פ' שני'; ווען מ'שטילט אין א מעמד ומצב וואס מ'דארף באווארענען "השמרו לכם גו'" - דארטן טייטשט רש"י "שיהיו עליכם חדשים" אן א כ"ף הדמיון?

און מ'מוז זאגן אז רש"י אליין האט דאס באווארנט, ווייל רש"י באווארנט אלע ענינים הבלתי מובנים אין פשש"מ.

האט דאס טאקע רש"י אליין באווארנט - גלייך לפנ"ז:

אויף תחלת הפסוק "והי' אם שמוע תשמעו" זאגט רש"י "אם שמעת בישן תשמע בחדש". דערפון איז פארשטאנדיק, אז שוין בתחלת הפרשה מאנט מען עס זאל זיין א שמיעה פון "חדש", עס זאל זיין "כחדשים" -

במילא איז מובן, אז בשעת דער פסוק איז שפעטער מוסיף נאך אמאל "אשר אנכי מצוה אתכם היום" - מוז דאס עפעס צוגעבן אין דעם וואס מ'וויס'ט שוין פון פריער און מ'וויס'ט שוין אז ער זאל זיין כחדשים, דערנאך איז רש"י מפרש אז ער מיינט דערמיט מוסיף זיין, עס זאל זיין "חדשים" ממש.

וכאמור לעיל, אז דערפון זעט מען דעם גודל הדיוק פון פרש"י - ומזה מובן אויך בעניננו, אין דעם פרש"י בפרשתנו, אז אלץ דארף זיין בתכלית הדיוק -

וואס דאס וואס רש"י שרייבט "שנה שמינית" און ניט "שמיני" כלשון המשנה שם, איז מובן בפשטות, ווייל די גמרא אליין זאגט "בשמיני סלקא דעתך? אימא בשמינית", און רש"י'ס דרך איז צו מעתיק זיין מלכתחלה די מסקנא;

מען דארף אבער פארשטיין, כאמור לעיל, פארוואס איז רש"י מוסיף דעם ענין פון "שנה ראשונה של שמיטה".

אויך דארף מען פארשטיין: א) פארוואס איז רש"י מעתיק פון פסוק נאר די ווערטער "מקץ שבע שנים"? לכאורה איז דער קושי מתעורר נאר ווען מ'קומט צום סיום הכתוב, "בחג הסוכות" - וואס דעמולט ווערט די שאלה, ווי קען זיין "חג הסוכות" אין סוף פון א יאר? - איז פארוואס איז רש"י מעתיק נאר תחלת הפסוק?

ב) פארוואס באווארענט ניט רש"י א פשוט'ע שאלה אין דעם פסוק: פארוואס גיט דער פסוק כמה סימנים ווען דער צייט פון הקהל דארף זיין: "מקץ שבע שנים", און "במועד שנת השמיטה", און "בחג הסוכות"?

און ווי מ'זעט פון פריער אז רש"י באווארענט אויך דער פסוק, גיט כמה סימנים אויף איין ענין - פארוואס מ'דארף האבן אלע סימנים: אין פ' ראה איז רש"י מפרש פארוואס מ'דארף האבן אלע סימנים פון "בעבר הירדן", (יא,ל) "דרך מבוא השמש", "בארץ הכנעני היושב בערבה", "מול הגלגל", און "אצל אלוני מורה",

נאכמער: די גמרא איז מבאר פארוואס מ'דארף האבן יעדער סימן - דארף מען וויסן צי רש"י נעמט אן דער ביאור פון די גמרא? און אויב ניט - פארוואס טאקע ניט? דער ביאור אין גמרא איז לכאורה אויסגעהאלטן ע"פ פשש"מ? וכפי שיתבאר לקמן.

אין די הערות פון טאטן אין זוהר פ' וילך, שטעלט ער זיך (ע'תסא) אויף דעם וואס איז מבואר באריכות אין דעם זוהר פון היינטיקער סדרה (וילך) וועגן דעם ענין פון עניית אמן, די מעלות שבזה, און די עונשים וכו' וואס קומען בשעת עס פעלט אין אותיות פון קבלה, אז פ"ח איז דער ענין פון יסוד שבמלכות און מלכות שבמלכות - ער איז אבער ניט מבאר וואס איז די שייכות דערפון צו דעם ענין פון "אמן".



הנחה פרטית בלתי מוגה

וכמדובר כמה פעמים, אז וויבאלד ס'איז געווען ביי אים א מחסור אין נייר, און ער האט געשריבן זיינע הערות על גליונות הזוהר, און ס'איז אויך ניט געווען קיין טינט, און די מאמע האט געדארפט מאכן טינט פון גראזן וכו' - דעריבער האט ער זייער מקצר געווען און געשריבן נאר די דברים המוכרחים ביותר, פארלאזנדיק זיך אז די אנדערע ענינים וועט מען אליין פארשטיין ממקומות אחרים.

וכפי שיתבאר לקמן:

ס'איז דאך אויך רגיל צו אפלערנען א משנה אין פרקי אבות, וואס היינט לערנט מען פרק חמישי און פרק ששי - וועט מען זיך אפשטעלן אויף די לעצטע משנה פון פרק ששי, "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו", ובהקדים:

ס'איז דא נאך א מעלה מיוחדת אין דעם שבת וואס מ'האט פריער ניט דערמאנט אז די קביעות פון דעם שבת איז בכ"ה באלול שבו נברא העולם.

[וכידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט (ראה לקו"ש פ' החדש תשל"ט בסופו בהערה) אז חסידים הראשונים האבן געלערנט כ"ה אלול פרשת בראשית ביז "יום אחד", כ"ו אלול - ביז יום שני וכו']

בשעת מ'רעדט אין חסידות אין די דרושים פון ר"ה, איז מען מבאר אז דער עיקר איז ר"ה און כ"ה אלול איז (?) און אין אן אופן פון עולם על מילואו נברא "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם - תולדות מלא כתיב"

בשעת מ'טראכט זיך אבער אריין אין כ"ה באלול, זעט מען אז דאס איז זייער א גרויסער טאג:

דאס איז דער טאג וואס בו נברא כל העולם את השמים לרבות צבאיהם ואת הארץ לרבות צבאי'.

און דעמולט איז געווען דער ענין דער הבריאה יש מאין דער אויסדרוק פון כח הא"ס בפעם הראשונה! משא"כ אין די שפעטערדיקע טעג, איז דאך ע"ד ווי ס'שטייט אין מדרש בנוגע צו דשאים אז "עמדו על פתח הארץ" און שפעטער זיינען נאר אויסגעוואקסן וכו',

דאס איז אויך דער טאג וואס בו נברא דער "אור שנברא ביום ראשון", וואס "גנזה לצדיקים" לע"ל וואס דערפון איז פארשטאנדיק וואס פאר א אור בעלה דאס איז,

וואס לכמה דעות איז גנזו מיד ולכמה דעות ביום הרביעי ווען ס'איז געווען "נטלו המאורות ברקיע" אבער לכל הדעות איז ער באשאפן געווארן ביום ראשון.

און דאס איז אויך דער טאג וואס אויף אים זאגט ער אין מדרש אז ער הייסט "יום אחד" און ניט "יום ראשון", וויל דעמולט איז דער אויבערשטער געווען יחיד בעולמו, און דעריבער זיינען די מלאכים באשאפן געווארן בשני אדער בחמישי, כדי שלא יאמרו אז מיכאל וגבריאל האבן געהאלפן דעם אויבערשטן בבריאת העולם. וואס אין פשוט'ע ווערטער מיינט עס, אז אין דעם טאג איז געווען אחדות ה' בגילוי.

און אין דעם טאג איז געווען דער גילוי פון בחי' "בראשית", וואס דאס גייט אויף חכמה תתאה, חכמה עילאה, כתר, רצון, ביז פנימיות הרצון.

וואס מכל זה מובן די מעלה נפלאה פון דעם טאג כ"ה באלול.

ובהמשך לזה איז מן הראוי מען זאל זיך שטעלן אויף א משנה וואס איז פארבונדן מיט בריאתו של הקב"ה - וואס דאס איז די לעצטע משנה - "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו, שנאמר כל הנקרא לשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו, ואומר ה' ימלוך לעולם ועד".

וואס אין דער משנה דארף מען פארשטיין:

וואס איז דא דער דיוק "בעולמו", דוקא אין זיין עולם?

נאכמער: דער גאנצער ווארט "בעולמו" איז לכאורה איבעריק, ווען ס'וואלט געשטאנען "כל מה שברא הקב"ה לא בראו אלא לכבודו", וואלט לכאורה גאר ניט געפעלט, ואדרבה: פון דעם לשון ("כל מה שברא הקב"ה בעולמו וכו'") איז משמע, אז נאר "מה שברא הקב"ה בעולמו - לא בראו אלא לכבודו", משא"כ דאס וואס ער האט באשאפן אין אן אנדער עולם איז ידוע דער דיוק פון די מפרשים, וואס איז ער דא מוסיף מיטן פסוק "ה' ימלוך לעולם ועד"?

איז מען מבאר (מד"ש), אז "אפשר שהכוונה הוא, לפי שהוא הרגיש בדבריו דתינח בשאר עולמות שלא בראם אלא לכבודו לפי שכולם מעריצין ומקדישין את שם האל כו', אמנם עולם העשיה אשר ראה ראינו כי גברה יד הסטרא אחרא ויצר לב האדם רע מנעוריו כו' אם כן אין בריאת העולם הזה לכבודו ית' כו'? לזה תירץ, כי אף אם עתה רבו כמו רבו עבדים המתפרצים למרות עיני כבודו על כל זה לעתיד לבא ה' אחד ושמו אחד. ולזה אמר ה' ימלוך לעולם ועד, ואז יהיו כל העולם לאחד לקרוא כולם בשם ה' ולעבדו שכם אחד. ועל זה בראו, כי אז כבודו על כל העולם יראה. נמצא שאף עולם העשיה לא בראו אלא לכבודו".

ס'איז אבער א דוחק גדול צו לערנען אזוי פשט אין משנה, אז דער אויבערשטער דארף ווארטן פינף טויזנט זיבן הונדערט מיט פערציק (ה' תש"מ) יאר (ווארום משיח קומט דאך שוין בקרוב ממש) - כדי ס'זאל זיך אויספירן דאס וואס "לא בראו אלא לכבודו"?

אמת טאקע אז "אתה הוא ושנותיך לא יתמו" - ס'לייגט זיך אבער ניט צו זאגן אז דער אויבערשטער דארף ווארטן ה' אלפים תש"מ שנה, ביז ס'וועט זיין "ילחום מלחמת ה'" און ינצח און יבנה ביהמ"ק במקומו, ביז "לעבדו כולם שכם אחד" - און ערשט דעמולט וועט זיך אויספירן די כוונה פון לא בראו אלא לכבודו?

וכפי שיתבאר לקמן.

וכאן המקום להוסיף ביאור אין דעם צו מבאר זיין נאך א פרט אין פרקי אבות וואס מ'האט מבאר געווען אין א פריערדיקע התוועדות (ש"פ ראה, מבה"ח אלול) אין דער משנה בתחלת פרק ששי - וואס כפי הנראה האט מען זיך ניט פאנאנדערקעקליבן בזה כדרוש.

אין דער משנה זאגט ר' יהושע בן לוי: "וכל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה, שנאמר וממתנה נחליאל ומנחליאל במות".

האט מען אין דערויף מבאר געווען, אז דא רעדט זיך וועגן א עילוי מיוחד וואס איז פאראן אין לימוד התורה לגבי קיום המצוות:

בשעת ער לערנט תורה און קומט צו א געוויסע מסקנא אין דיין לערנען, און דערנאך קומט ער צום ביהכנ"ס אין ער הערט אז דער רב פסקנ'ט באופן אחר ווי ביי אים איז אויסגקומען בשכלו - קען מען דאך מיינען אז זיין גאנצער לימוד התורה ווערט בטל, ווארום ס'איז נתגלה געווארן אז ער האט געהאט א קרומער שכל - איז ר' יהושע בן לוי מחדש אז "כל העוסק בתלמוד תורה", אויך אזא וואס האט געלערנט און ס'איז דערנאך נתברר געווארן אז ער האט ניט ריכטיג געלערנט - "הרי זה מתעלה".

משא"כ בשעת ער איז מקיים א מצוה שלא כהלכה, לדוגמה - מצות תפילין - איז דאס גאר ניט.

וואס אזוי האט מען גע'חזר'ט וואס מ'האט דעמולט גערדט; אין דערויף פעלט אבער דער עיקר חידוש:

דער חידוש פון ריב"ל איז ניט נאר, אז אזוי וואלט מען געמיינט אז איינער וואס לערנט און דערנאך איז נתברר געווארן אז ער האט ניט ריכטיג געלערנט, טוט ער גארניט אויף מיט זיין לערנען, איז ריב"ל מחדש אז ער טוט עפעס יע אויף מיט זיין לערנען -

נאר אויך ובעיקר: וויבאלד אז ער האט געלערנט און ער איז געקומען צו א מסקנא וואס דערנאך האט דער רב גע'פסק'נט אנדערש - קומט דאך אויס אז די מסקנא צו וועלכע ער איז געקומען איז היפך רצון ה', ווארום די הלכה איז אנדערש - וואלט מען געקענט מיינען אז ניט נאר וואס ביי אים זאל גארניט צוקומען דורך אזא לימוד, נאר ער זאל אויך האבן א ירידה לגבי ווי ער איז געשטאנען פאר דעם לערנען, ווארום פאר דעם לערנען האט ער ניט גע'פסק'נט היפך רצון ה' און איצטער האט ער יע גע'פסק'נט שלא כהלכה -

[דא רעדט מען ניט וועגן איינעם וואס איז מגלה פנים בתורה שלא כהלכה, אדער איינער וואס וויל אריינשטעלן אין תורה ווי ביי אים קומט אויס, און ניט הערן פון תורה וואס תורה האט אים צו זאגן - נאר דא רעדט מען וועגן איינער וואס לערנט תורה ווי מ'דארף לערנען תורה, אבער זיין מסקנא איז ניט ווי די הלכה איז] -

איז ריב"ל מחדש אז אדרבה - "כל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה", ניט נאר וואס ער האט קיין ירידה ניט, נאר ער ווערט "מתעלה".

לד. אויף דערויף ברענגט ריב"ל א ראי': "שנאמר וממתנה נחליאל ומנחליאל במות". והביאור בזה ובהקדם:

תורה איז דאך תורתו של הקב"ה, "ואהי' שעשועים לפניו", ובמילא איז אזוי ווי דער אויבערשטער איז בל"ג אזוי איז אויך תורה בל"ג - איז לפי"ז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי עס קען זיין א מציאות אז א איד זאל זיך עוסק זיין אין לימוד התורה:

אפילו בנוגע צו "פילא דעייל בקופא דמחטא" זאגט די גמרא אז ס'איז אוממעגלעך אזא מציאות, וואס דאס רעדט זיך דאך וועגן צוויי דברים מוגבלים ("פילא" און "קופא דמחטא"), ס'איז מערניט וואס איינער איז גרעסער פאר דעם צווייטן און אעפ"כ זאגט מען אז דאס קען ניט זיין - איז דאך במכ"ש וק"ו בנוגע צו תורתו של הקב"ה, "שעשועים" פון דעם אויבערשטן, וואס דאס איז דאך בל"ג ממש, וואס בל"ג, איז באי"ע דעם גרעסטן גבול מיט דעם קלענסטן גבול בשוה, וויליטער באי"ע ווי דער גרעסטער גבול אלף אלפים ריבוא רבבות איז פון מספר אחד, ווי דער אלטער רבי זאגט - קען דאך זיכער ניט אראפקומען אין שכל פון אן אדם מוגבל אין עוה"ז איז ווי קען זיין דער ענין עסק בלימוד התורה?!

איז דער ענטפער אויף דערויף, אז דער אויבערשטער האט אפגעגעבן די תורה אלס א מתנה צו אידן און דאס האט געגעבן דעם כח אז א איד זאל קענען עוסק זיין אין תורה בהבנה והשגה שלו וואס איז מוגבל, ביז אז עס ווערט "וממתנה נחליאל" - די תורה וואס איז געגעבן געווארן צו אים אלס א מתנה ווערט איין זאך מיט אים עס ווערט זיין "נחלה" [ווארום אזוי ווי דער כלל איז ביי אלע מתנות אז "אי לא עביד נייחא לנפשי' לא יהיב לי' מתנתא", אזוי איז אויך בנוגע צו די מתנות פון תורה וואס דער אויבערשטער האט געגעבן אידן].

און דערפאר ווערט דעמולט "ומנחליאל במות": וויבאלד אז יעדער איד האט באקומען די תורה שעשועים של הקב"ה, אין אן אופן פון א מתנה, און דאס איז ביי אים געווארן זיין "נחלה" - פועל'ט דאס אויף אים אז בשעת ער איז זיך עוסק אין דעם ווערט ער "במות", ער ווערט נתעלה.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק די ראי' פון דעם פסוק "וממתנה נחליאל ומנחליאל במות" אויף דעם אז "כל מי שעוסק בתלמוד תורה הרי זה מתעלה".



הנחה פרטית בלתי מוגה

לה. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: אויב ביי איינעם איז דא א קרומע שכל און ער קומט צו צו א מסקנא ע"י לימודו וואס איז היפך ההלכה, היפך רצון ה' - איז פארוואס זאל ער טאקע נתעלה ווערן ע"י לימוד זה און ניט יורד זיין?

דער ביאור בזה וועט מען פארשטיין ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין הלכות תלמוד תורה:

דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת שלו (פ"ב ה"ד) דער משנה, אז "כל השוכח דבר אחד ממשנתו מחמת שלא חזר על לימודו כראוי מעלה עליו הכתוב כאילו מתחייב בנפשו".

בשעת עס קומט אבער צו א שכחן בטבעו - קען ביי אים ווערן א שאלה: וויבאלד אז ער איז שכחן בטבעו און "אין סומכין על הנס" אז ער וועט געדענקען וואס ער לערנט - איז בעסער אז ער זאל גארניט לערנען און ניט נתחייב ווערן בנפשו.

איז דער אלטער רבי מסביר (שם ה"ו), אז דער גאנצער ענין וואס מ'זאגט אז "כל השוכח דבר ממשנתו כאילו מתחייב בנפשו" - איז נאר בשעת ער טוט פעולות צו פארגעסן וואס ער האט געלערנט, "כששכח מחמת עצלות שנתעצל לחזור על לימודו כראוי", אבער אויב ער פארגעסט "מחמת אונסו" איז "אין מתחייב בנפשו".

וואס דערפאר הייסט מען אויך איינעם וואס איז א שכחן בטבעו אז ער זאל לערנען תורה, און טאן אלץ וואס ער קען אז ער זאל ניט פארגעסן וואס ער לערנט; און אויב אויך נאך זיין גאנצער השתדלות פארגעסט ער וואס ער האט געלערנט, איז ער אין דערויף אן אנוס, ווארום ער האט געטאן אלץ בכחו צו ניט פארגעסן וואס ער האט געלערנט - איז ער דעמולט ניט מתחייב בנפשו [סעיף זה איננו ברור].

לו. עד"ז בנדו"ד:

יעדער איד האט א ציווי אז ער דארף לערנען תורה, ביז אין אן אופן פון "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא", ווארום "תלמיד גדול שמביא לידי מעשה".

וואס דאס איז געזאגט געווארן בנוגע צו <u>יעדן</u> איד, אויך בנוגע צו איינער וואס האט א קרומע קאפ און ער קומט צו א מסקנא ניט ווי די הלכה איז (וואס דערפון גופא וואס ער איז צוגעקומען צו א מסקנא ניט ווי רוב הפוסקים - איז א הוכחה אז ער האט א קרומער שכל).

לדוגמא - אז ער איז געבארן געווארן מיט דער טבע פון גבורה, במילא זיינען זיינע סברות אלעמאל נוטה לקו הגבורה, כדעת ב"ש, ניט כדעת ב"ה, קו החסד,

און היות אז הזמן גרמא (בזמן הזה) אז דער הלכה איז כב"ה - קומט אויס אז די הלכה איז ניט ווי ער האט געלערט.

אעפ"כ זאגט מען אים אז צו זיין לימוד התורה האט עס ניט: כאטש אז ער ווייסט אז דורך זיין לערנען וועט ער צוקומען צו א מסקנא וואס איז נוטה לקו הגבורה, וואס די הלכה איז ניט אזוי, ווארום ער איז א גברן בטבעו, און "אין סומכין על הנס" - אעפ"כ דארף ער לערנען תורה און לערנען אין אן אופן פון "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא" און משתדל זיין בכל הכחות שלו אז ער זאל צוקומען צו די ריכטיקע מסקנא.

זיין לערנען דארף טאקע זיין מיט דער תנאי אז ווי נאר עס וועט ביי אים אויסקומען די הלכה, איז אבער בנוגע למעשה בפועל וועט ער זיך פירן ווי דער ב"ד פסקנ'ט אפ, "לא תסור ימין ושמאל", כמבואר אין גמרא מיט די כמה גירסאות בזה אין די גמרא אין הוריות, אין ירושלמי און אין ספרי - בנוגע אבער צו זיין לימוד התורה



<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

האט עס ניט, און ער דארף לערנען אין אן אופן פון "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא" אע"פ וואס ער ווייסט אז ע"פ טבע וועט ער צוקומען צו א מסקנא שלא כהלכה,

ווארום דאס וואס ער'איז א גברן בטבע און במילא קומט ער צו צו א מסקנא בקו הגבורה שלא כהלכה - איז ער אין דערויף אן אנוס: דער אויבערשטער האט אים אזוי באשאפן און ער האט געטאן אלץ בכחו צו לערנען און צוקומען צו א ריכטיקע מסקנא, און אעפ"כ איז ער דערצו ניט צוגעקומען - איז ער אין דערויף ניט שולדיק,

און דערפאר איז דאס וואס ער קומט צו צו א מסקנא שלא כהלכה, רירט ניט אן זיין לימודהתורה, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם וואס אויך בנוגע צו זיין דעה (בקו הגבורה) זאגט מען אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים", און נאכמער - אז לע"ל וועט זיין די הלכה כב"ש, ווי דער ביאור זאל נאר זיין אין דעם.

און וויבאלד אז זיין לימוד התורה איז בשלימות (כאטש ער איז ניט געקומען לידי מסקנא אמיתית) - ווערט ער דורך זיין לימוד התורה מתעלה.

לז. ע"פ המבואר לעיל וועט מען אויך פארשטיין א רמב"ם:

אין הל' ת"ת שרייבט דער רמב"ם (פ"א ה"ח), "כל איש מישראל חייב בתלמוד תורה ...בין שלם בגופו בין בעל יסורין, בין בחור בין שהי' זקן גדול שתשש כחו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז זיי זיינען אויך מחוייב אין "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא" ווארום "תלמוד גדול שמביא לידי מעשה".

דארף מען פארשטיין:

דער רמב"ם זאגט אין הל' דעות (רפ"ד) אז "אי אפשר שיבין או ידע דבר מידיעת הבורא והוא חולה" - איז ווי קען מען זאגן אז א בעל יסורים און א זקן גדול שתשש כחו דארפון לערנען תורה, און אויך "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא", בשעת זיי קענען זיך דערצו ניט צוטראגן מצד חולי הגוף?!

ע"פ הנ"ל איז דאס פארשטאנדיק: יעדער איד האט א ציווי אז ער דארף לערנען און לערנען, און משתדל כפי הכחות שלו צו לערנען בשלימות; און דאס וואס ער האט בטבע אן ענין וואס שטערט צו לימוד התורה בתכלית השלימות - איז ער אין דערויף אן אנוס, ובמילא האט עס ניט צו זיין לימוד תורה.

לח. די הוראה בנוגע למעשה בפועל מהאמור לעיל:

האמור לעיל איז געזאגט געווארן אפילו בנוגע צו איינער וואס האט א קרומע קאפ, אז אויך ער דארף לערנען תורה;

וואס דערפון איז פארשטאנדיק עאכו"כ בנוגע צו איינער וואס האלט אז ער האט א גלייכע קאפ, און האלט אז דורך זיין לימוד התורה איז ער בוקע רקיעים, און אז ער איז דער "תלמיד ותיק" אויף וועמען מ'ווארט אין אלע עולמות אויף דער חידוש וואס ער וועט היינט מחדש זיין - דארף ער דאך זיכער גלייך לערנען תורה!

און אע"פ אז ס'איז שוין דריי שעה וואס מ'קוועטשט אים בא דער התוועדות - דארף ער אבער גלייך נאכדעם ניט גיין לייגן זיך שלאפן וויבאלד אז "שינה בשבת תענוג" - ער דארף זיך אוועקזעצן מיט א קונטרס, מיט א מאמר וכיו"ב און לערנען.

לט. ועד"ז האט מען די הוראה פון דעם רמב"ם הנ"ל:

איינער וואס איז א זקן קען דאך טענה'ן, אז ער איז דאך א זקן און א חלוש, והראי' אז ער האט ווייסע האר אין בארד אדער אויפן קאפ - דארף ער דאך היטן



הנחה פרטית בלתי מוגה

דעם געזונט, במילא דארף מען אים צושטעלן אלץ וואס ער דארף האבן און ער קען זיך ניט אנשטריינגען וכו', און ער איז אויך מודיע אז עס זיינען פאראן זאכן וואס ער קען ניט טאן ווייבאלד אז ער איז א זקן ואינו לפי כבודו צו טאן די זאכן,

און ער טענה'ט ניט אזוי דערפאר וואס ער האלט אזויפיל פון זיך - נאר ער האט דעם רמב"ם אויף זיין זייט - דער רמב"ם זאגט אים אז ער דארף מאכן זיכער אז ער האט א גוף בריא וכו',

זאגט מען אים: צו אלעם ערשטן דארפסטו זיך זעצן לערנען תורה!

און דערנאך אויב דו וועסט דארפן עפעס האבן - וועט מען דאס דיר ברענגען, מ'וועט אים צושטעלן א קישען, מ'וועט אים ברענגען טיי אדער קאווע, אדער ווי עס פירט זיך במדינה זו - א ביסל דזשוס אדער א סאך דזשוס.

און בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש, וועט ער צושטעלן א חשבון פון די זאכן וואס מ'קומט אים (ווי מ'זאגט אין דער מדינה); און משיח צדקנו וועט אים אלץ געבן - ער וועט אים געבן ש"י עולמות און צוויי מאל ש"י עולמות, און בני חיי מזוני ורויחי;

מ. וואס דאס אלעס איז א מאמר המוסגר און ע"ד הדרוש והרמז, און ע"ד הצחות - דער עיקר איז אבער דער מעשה בפועל:

מ'זאל זיך עוסק זיין אין לימוד התורה בפועל ממש.

ובמיוחד - טאן אין דעם ענין פון "תפארת בחורים", וואס דאס איז שוין איינגעשטעלט געווארן כמה שנים שלפנ"ז, און אויך (וואס מ'האט איצטער מציע געווען) בנוגע צו די כוללים - "כולל תפארת זקנים לוי יצחק" פאר אנשים, און "תפארת חכמות נשים" פאר נשים.

וואס בכללות איז דער ענין פון "תפארת בחורים" כולל אין זיך אלע אידן, ווארום דער נאמען "בחור" איז דער טייטש אן אויסגעקליבענער, ווי עס שטייט בא דוד המלך (ש"ב י, ט) "ויבחר מכל בחורי בישראל", וואס דאס מיינט בפשטות אז ער האט אויסגעקליבן פון צווישן אידן די בעסטע, און אויף אלע אידן זאגט מען "אתה <u>בחרתנו</u> מכל העמים", "ובנו <u>בחרת</u>" - דערפאר זיינען אלע אידן נכלל אין "תפארת <u>בחורים</u>".

וואס דאס איז מדגיש אז ביי אלע אידן דארף זיין דער ענין פון "תפארת בחורים" - אז מ'זאל לערנען תורה.

בפרטיות אבער זיינען די "בחורים", די אויסגעקליבענע צווישן אידן גופא אויף דעם ענין פון לימוד התורה - טף, בחורים כפשוטו, און זקנים.

און ווייבאלד אז "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל" - מקדים הנשים להאנשים - דארפון אויך די נשים איינשטעלן א "תפארת חכמות נשים" ["חכמות מיט א וא"ו, כלשון הכתוב. ועפ"ז דארף מען מאכן א תיקון טעות אין דער געדרוקטע שיחה וואס דארטן שטייט "חכמת" אן א וא"ו], און דארטן זאלן זיי לערנען תורה,

וכמבואר אין סוף פרק ראשון פון הל' ת"ת לאדה"ז בנוגע צו די ענינים אין תורה וואס נשים דארפן לערנען.

מא. און מ'דארף זיי אלע (די פון "תפארת בחורים", "כולל תפארת זקנים לוי יצחק", און "תפארת חכמות נשים") מסביר זיין - אז דאס איז זייער "תפארת" צו לערנען תורה, ווארום "והתפארת זה מ"ת". במילא דארף מען לערנען אזוי ווי ס'איז געווען בא מ"ת



הנחה פרטית בלתי מוגה

אין אן אופן פון "בכל יום יהיו בעיניך כחדשה" און נאכמער - "חדשים", און "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע", און דעמולט איז "כל הקורא ושונה בתורה הקב"ה קורא ושונה כנגדו"

און מ'זאל ניט נאר טאן אין דעם בנוגע צו זיך אליין - עס זאל זיין אין אופן פון "ברוב עם הדרת מלך" - מ'זאל אין דערויף ארייננציען אויך אנדערע, און אפילו אז מ'האט שוין עשרה, זאל מען ארייננציען נאך מער, ביז - אז אפילו אויב מ'האט שוין ששים ריבוא ישראל, דארף מען זיך משתדל זיין ארייננציען אלע אידן פון דער וועלט, אזוי ווי ס'איז געווען בא מ"ת אז אלע אידן זיינען דארטן געווען.

מב. ויה"ר אז מ'זאל טאן אין דעם ניט נאר ווי מ'האט געטאן פריער, פאר ר"ח אלול און פאר ח"י אלול, און פאר כ"ה אלול, וואס דאס איז דער שבת, שבת סליחות (ווי מ'רופט עס אן) - נאר א סאך מערער דערפון.

ובפרט אז מ'האט נאך דער כח דערצו פון שבת סליחות, וואס מ'הויבט אן דעמולט זאגן "לך ה' הצדקה", וואס דאס איז די צדקה פון דעם אויבערשטן וואס איז אין אן אופן פון "מי הקדמני ואשלם".

און דער כלי דערצו מאכט מען דורך דערויף וואס מ'לערנט אליין תורה, "מבשרך אל תתעלם", און מ'איז א טופח על מנת להטפיח - מ'ציט אויך ארײן אנדערע אז זיי זאלן לערנען תורה, און מ'טוט דאס בכל מקום.

ווערט דורך דערויף נמשך דער צדקה פון דעם אויבערשטן וואס יעדערער דארף דערצו אנקומען, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא אז די "אבירי לב" וואס ווילן נאר באקומען שכר פאר עבודתם און ווילן ניט קיין צדקה פון א בו"ד - ווילן זיי אויך די צדקה פון דעם אויבערשטן.

און די צדקה פון דעם אויבערשטן זאל אראפקומען אין א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה און אלע פרטים און פרטי פרטים, ביז צו דער ענין כללי - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

דער ביאור אין פרש"י:

אין דער פרשה פון "הקהל" זאגט תורה, אז מען זאל מקהיל זיין "את העם, האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך - למען ישמעו ולמען ילמדו ויראו את ה' אלקיכם, ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת"; ד.ה. אז די כוונה פון דער הקהלה איז געווען כדי צו מעורר זיין אידן אויף קיום התורה ומצוותי'.

ולפי זה ווערט ניט פארשטאנדיק וואס עס שטייט בתחלת הפרשה - "מקץ שבע שנים": די התעוררות דארף לכאורה זיין גלייך אין אנהויב (פון שבע שנים וכיו"ב), איז פארוואס שטייט אין פסוק "מקץ שבע שנים"?

און די שאלה באווארנט רש"י גלייך בתחלת הפרשה, וכמדובר כמה פעמים, אז אמאל איז רש"י מעתיק די ערשטע דריי ווערטער פון א פרשה (אן א "וגו'") - מיינענדיק דערמיט די גאנצע פרשה - און אויף דעם ענטפערט ער אז דאס איז טאקע "בשנה ראשונה של שמיטה" ד.ה. אז דאס איז טאקע "מקץ שבע שנים". נאך שבע שנים, נאך שמיטה, אבער אלס שנה ראשונה של שמיטה, ווייל גלייך בשנה ראשונה דארף מען מעורר זיין וועגן קיום התומ"צ וכו'.

לויט דעם ווערט אבער די שאלה - פארוואס רופט דאס טאקע אן דער פסוק "מקץ שבע שנים" ובלשון רש"י "שנה שמיבית"?

הנחה פרטית בלתי מוגה

איז די הסברה בזה:

די התעוררות פון "הקהל" האט אן ארט דוקא נאך שמיטה - ווארום בשנת השמיטה איז מען דאך ניט פארנומען מיט עבודת האדמה, חרישה וזריעה וכו', במילא איז מעצמו מובן אז מען פארנעמט זיך מיט לימוד התורה וקיום המצוות. און דאס פארשטייט דער בן חמש למקרא אליין, ווארום ער האט דאך שוין געלערנט פריער, אז לימוד התורה דארף זיין בכל זמן "בשכבך ובקומך ובלכתך בדרך" - פארשטייט ער, אז זייענדיק פריי גאנץ שנת השמיטה, פארנעמט זיך א איד מיט לימוד התורה וכו'.

דוקא נאך שנת השמיטה, בשנה השמינית, בשעת מען גייט ארויס ארבעטן אין וועלט - דעמולט דארף זיין די באווארעניש און די התעוררות פון "הקהל" - "למען ישמעו ולמען ילמדו וגו'".

דערמיט וועט מען אויך פארשטיין פארוואס רש"י איז מעתיק דעם סיום הכתוב "בחג הסוכות" - ווארום די שאלה וואס דער בן חמש למקרא פרעגט דא איז ניט פון די ווערטער "בחג הסוכות" (ווי שטימען זיי מיט "מקץ שבע שנים"), נאר די שאלה ווערט נתעורר אין כללות הפרשה, און דער בן חמש למקרא פארשטייט איר פון זיך אליין:

ער ווייס, אז ווען ער וועט זיין בן שלש עשרה וועט ער ווערן "בר - מצוה" - און דעריבער הויבט ער אן לערנען "מקרא" שוין פון "בן חמש", כדי אז זייענדיק בן י"ג זאל ער זיין גרייט לקבל עול מצוות.

- און ס'איז ניט מספיק אז א חודש לפנ"ז זאל ער לערנען די הפטרה און די ברכות און דעם "ספיטש" (להבדיל) וכו' -

במילא ווערט בא אים נתעורר די שאלה האמורה: בשלמא "טף" זיינען נאך קינדער, איז מובן פארוואס מ'האט זיי פריער ניט מעורר געווען וכו' אבער אנשים ונשים זיינען דאך שוין גדולים - איז ווי קומט עס אז מ'זאלווארטן ביז "מקץ שבע שנים"?

וואס אויך דא זעט מען דעם כלל המדובר כמה פעמים, אז אמאל איז רש"י מעתיק בתוך פירושו די ווערטער פון פסוק - נאר דער בחור - הזעצער האט זיך ניט פאנאנדערגעקליבן און דעריבער האט ער געדרוקט די ווערטער מיט קליינע אותיות - ובאמת האט ער זיי געדארפט שטעלן אין גרויסע אותיות, אזוי ווי די ווערטער וואס רש"י איז מעתיק בתחלת פירושו.

איז עד"ז בפסוק דידן: "ולמה קורא אותה שנת השמיטה" - דאס זיינען ווערטער פון פסוק -

איז רש"י מבאר "שעדיין שביעית נוהגת בה בקציר של שביעית היוצא למוצאי שביעית".

וההסברה בזה:

רש"י האט פריער מבאר געווען אז דער יאר האט אין זיך צוויי ענינים: דאס איז "שנה ראשונה של שמיטה", און דאס איז "שנה השמינית".

ד.ה. אז דא איז אויך נוגע דאס וואס די שנה איז שנה השמינית, וההסברה בזה, ווייל קומענדיק פון א יאר וואס איז "שבת לה'", איז דער זמן המתאים צו נתעורר ווערן אין די ענינים פון שנת הקהל.

און דעריבער איז דא נוגע אז ס'איז "שנת השמיטה" - "שעדיין שביעית נוהגת בה בקציר של שביעית היוצא למוצאי שביעית" - ווייל דאס דערמאנט אין שנת הקהל



הנחה פרטית בלתי מוגה

אויף דעם ענין פון "שבת לה'", און דעריבער קען מען דערפון נעמען דעם כח אויף א תקופה חדשה, "למען ישמעו וגו'".

ס'איז דא נאך א חידוש וואס מ'קען זאגן אין דער רש"י דא - הגם אז דאס איז ניט מתאים מיט די תרגומים וכיו"ב.

רש"י האט טאקע ארויסגעגעבן דעם כלל אין אנהויב פ' מקץ, "וכל לשון קץ סוף הוא" - עס זיינען דאך אבער דא אין יעדן כלל יוצאים מן הכלל (ע"ד ווי רש"י אליין ברענגט (ויקהל לה, ג) בנוגע דעם לאו פון הבערה בשבת אז הבערה "יצאת" מן הכלל, ללאו אדער לחלק) - במילא קען מען זאגן אז דא אין דעם פסוק "מקץ שבע שנים" טייטשט רש"י אז "מקץ" מיינט "התחלה", און "מקץ שבע שנים" מיינט "בשנה ראשונה של שמיטה".

און ווי דער אבן - עזרא זאגט בכ"מ אז "קץ" האט דעם פירוש פון "קצה", און דאס קען מיינען סיי דעם "קצה" פון אנהויב סיי דעם "קצה" פון סוף, און ס'איז משמע מפירושו דא (אין וילך) אז ער טייטשט דעם ווארט "מקץ (שבע שנים)" מלשון התחלה.

לפי זה ווערט אבער די שאלה לאידך גיסא, צוליב וואס זאגט רש"י, "שהיא שנה שמינית"?

און די הסברה בזה, כאמור לעיל, אז דא איז נוגע אויך דער פרט אז זי איז א "שנה שמינית", דער יאר וואס נאך שמיטה - ובמילא איז דעמולט די פאסיקע צייט אויף די התעוררות פון "הקהל".

די הוראה דערפון אין עבודה:

מ'האט גערעדט שוין כמה פעמים, אז הגם אז שמיטת קרקעות בזמן הזה איז לכמה דיעות ניט מן התורה, ובחו"ל איז שמיטת קרקעות אינגאנצן ניט נוהג בכלל, נאר שמיטת כספים - איז דאך אבער ידוע אז די נשמה איז ניט געגאנגען אין גלות, און אין רוחניות זיינען דא אלע ענינים וואס זיינען געווען אין שנה השביעית.

וואס דער ענין אין רוחניות פון שנה השביעית אין עבודה בפשטות איז, כאמור לעיל, אז זייענדיק פנוי פון עבודת האדמה, האבן אידן דעמולט געהאט צייט פנוי אויף הוספה בלימוד התורה וקיום המצוות.

ומזה מובן די הוראה בזמנינו זה, אז מען דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה אין די זמנים הפנויים.

און דאס קומט בהמשך להמדובר לעיל בארוכה וועגן די כוללים "תפארת זקנים" און "תפארת בחורים" און "תפארת חכמות נשים" - אז ס'זאל זיין א הוספה אין די אלע ענינים.

מג. ובהמשך להמדובר לעיל וועגן דער ענין פון "כולל תפארת זקנים לוי יצחק" - איז כאן המקום אויך צו רעדן וועגן דעם מוסד פון "כולל חב"ד".

וואס דאס האט דאך דער אלטער רבי מייסד געווען צוליב צדקת ארץ ישראל ובלשונו "צדקת ארץ ישראל (אדער ווי ער שרייבט במקום אחר צדקת "ארצות החיים") שהיא צדקת ה' ממש ... והיא שעמדה לנו לפדות חיי נפשנו כו'" ווי ער שרייבט אין זיינע אגרות קודש (אין זיין אגה"ק געדרוקט אין תניא, און אויך אין אנדערע אגרות).

און דערנאך האבן דאס ממשיך געווען די נשיאים ממלאי מקומו שלאחריו, ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר.

הנחה פרטית בלתי מוגה

וואס וויבאלד אז "דברי צדיקים קיימים לעד" - גייט דאך אן דער ענין פון כולל חב"ד ביז זמנינו זה.

און היות אז ביום ראשון פון דער וואך פון ר"ה מאכן זיי א התוועדות (אדער אן אסיפה, אדער א באנקעט (בלשון המדינה)), און "מפקחין בצרכי ציבור בשבת" - זאלן זיי איצטער נאכאמאל מכריז זיין וועגן דער התוועדות.

ויהי"ר אז כאו"א זאל זיך אין דערויף משתתף זיין, און יעדער איינער זאל געבן כפי נדבת לבם הטהור, און די וואס קענען געבן מער, וועלן זיכער געבן מער - וואָרום נוסף לזה וואס זיי אליין וועלן געבן מער, וועט דאך זיין מהם יראו וכן יעשו אנדערע,

וואס דערפאר איז אפילו אויב אים קומט אויס אז אים איז שווער געבן מער וויפל ער וואלט געגעבן ע"ד הרגיל, אדער אפילו אויב אים איז טאקע געבן מער - דארף ער אבער בא זיך טראכטן אז במה נחשב הוא זיין צער און מאטערניש לגבי דעם וואס דורך דעם וואס ער גיט מער איז מהם יראו וכן יעשו א סאך אנדערע אידן.

וכל המוסיף מוסיפין לו כמה פעמים ככה, און במילא בשעת ער גיט מער, באקומט ער צוריק כמה פעמים ככה, און אויך די וואס מהם יראו וכן יעשו - וועלן אויך צוריק באקומען . כמה פעמים ככה.

און וויבאלד אז מ'שטייט איצטער אין יום השבת אין דעם זמן פון "רעוא דרעוין" - זאל מען שוין איצטער מאכן די החלטות בזה, במילא וועט דאס גלייך זיין א התחלה אויף דעם אז דער ענין זאל זיך אפטאן מארגן, ביום ראשון, בפועל,

[וואָרום יום ראשון בשבוע וואס קומט נאך יום השבת, איז ע"ד ווי די שנה הראשונה וואס קומט נאך שנה השביעית, וואס אויף איר זאגט רש"י אז "בשנה ראשונה של שמיטה שהיא שנה שמינית איז "עדיין שביעית נוהגת בה בקציר של שביעית היוצא למוצאי שביעית", וואס דערפאר ווערט דער שנה נאך שנה השביעית אויך אנגערופן שנת השמיטה (?)].

און דערפאר וועט מען אויך מאכן א התחלה בזה איצטער - דורך דערויף וואס מ'וועט נעמען פון די יין שרף פון דאנעט אויף דער התוועדות פון כולל חב"ד.

ובפרט נאך אז דער שבת קומט נאך שבת ח"י אלול, וואס דעמולט איז דער יום הולדת פון דעם אלטן רבי'ן, דער מייסד פון כולל חב"ד, וואס פון יענעם שבת (ח"י אלול) איז דאך "מיני' מתברכין כולהו יומין" כולל אויך דעם שבת.

און וויבאלד אז ח"י אלול איז דאך אויך דער יום הולדת פון דעם בעש"ט - האט מען דאך זיכן תורה און הבטחה, אז שטייענדיק אין די טעג נאך פאר ר"ה, דעם שבת פאר ר"ה, וואס דעמולט לייענט מען "אתם נצבים היום כולכם" - איז "אתם נצבים קיימים ועומדים", וואָרום מ'איז שוין דעמולט "זוכים בדין",

און ווי ער זאגט אין טור, אז נאך פאר ר"ה איז "לובשים לבנים ומתעטפים בלבנים", וואָרום מ'איז זיכער אז מ'וועט זוכה זיין בדין.

וואס דערפאר איז מען אויך פארזיכערט אז מ'וועט האבן א כתיבה וחתימה טובה, לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה ולמטה מעשרה טפחים, אין אלע ענינים וואס אלע אידן דארפן האבן,

ביז דער ענין העיקרי - דער גאולה האמיתית והשלימה, ובפרט אז מ'האט דערצו אויך דער זכות פון צדקת "ארצות החיים", נוסף לזה וואס "גדולה צדקה (בכלל) שמקרבת את הגאולה",

במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה להכריז אודות ה"דינער" של כולל חב"ד, ונתן יי"ש עבור הנ"ל.

ואח"כ התחיל לנגן והרקותי לכם ברכה עד בלי די.

* * *



הנחה פרטית בלתי מוגה

דער ביאור אין דער הערה אין זוהר:

ווי גערעדט פריער האט דער טאטע ניט געשריבן די ענינים וועלכע מען קען וויסן ממקום אחר - איז עד"ז אויך בנוגע די שייכות פון "אמן" צו "יסוד" און "מלכות", אז דאס איז פארשטאנדיק מהמבואר במקום אחר.

און ווי ער ברייננגט אין דעם זעלבן כרך אין לקו"ל"צ (כמצויין אין מפתח ענינים), אז אמן בגימטריא הוי' אדנ"י, ווייל דער ענין פון אמן איז שילוב הוי' ואדנ', ד.ה. יחוד ז"א (תפארת) ומלכות - וואס דער יחוד פון ז"א מיט מלכות איז ע"י היסוד. ומזה מובן אז דער ענין פון אמן איז שייך צו יסוד ומלכות.

וואס דערמיט ווערט פארשטאנדיק די שייכות פון עניית אמן צו דעם ענין וואס ער רעדט דא אין דער הערה, אז פ"ח איז דער ענין פון יסוד ומלכות דמלכות - ווארום פון דעם ענין פון שילוב הוי' ואדנ', יחוד יסוד ומלכות דכללות, ווערט דערנאך נמשך בפרטיות אין בנין המלכות, אין ספירת המלכות עצמה, אין די ספירות יסוד ומלכות שבה.

די הסברה אין דעם ענין אז "אמן" איז שילוב הוי' ואדנ':

דער ענין פון אמן איז דאך צו מאמת זיין די ברכה, ווי די גמרא זאגט בסיום מס' נזיר (ועוד) אז "גדול העונה אמן יותר מן המברך", ווייל עניית אמן איז דער גמר ואימות פון דער ברכה.

וואס דער ענין הברכה בפשטות איז, אז זייענדיק דא למטה איז ער מברך אויף ענינים שלמטה - און ווען איז ער מברך, דעם אויבערשטן וואס איז למעלה, ד.ה. ער איז מברך וממשיך דעם אויבערשטן למטה, במילא פועל'ט ער דעם חיבור פון דעם מעלה מיטן מטה;

וואס אזוי איז ביי ברכות הנהנין, און אויך ביי ברכת התורה, וואס די ברכה איז "נותן התורה", אויף נתינת התורה למטה;

ועד"ז איז אויך ביי "ברכאן דצלותא", ברכות התפלה, ווייל דורך די העלאה פון תפלה איז מען פועל די המשכה מלמעלה למטה (וכמבואר החילוק צווישן די סוגי הברכות - אין זוהר ר"פ עקב).

וואס אין די אלע ענינים פועל'ט מען דעם שילוב הוי' ואדנ' - מ'איז ממשיך פון שם הוי', שם העצם ושם המיוחד ושם המפורש, אין הוי' מלשון מהוה;

און פון הוי' לשון מהוה - איז מען ממשיך אין דער בחינה פון "אדון אתה לכל בריותך", ד.ה. אין אן ארט וואס מען דארף באווארענען אז דער אויבערשטער איז דער אדון לכל בריותך.

און אין דעם גופא זיינען דא צוויי אופנים - צי שילוב הוי' באדנ' צי שילוב אדנ' בהוי': ס'איז דא אמאל וואס דער שם הוי' איז דער עיקר, און ס'איז דא אמאל וואס דער שם אדנ' איז דער עיקר.

וכמבואר אין דער הערה הנ"ל פון טאטן, אז דאס איז דער ענין וואס אמאל שטייט דער לשון "אמן אמן", צוויי מאל אמן - ווייל דאס מיינט בילדע אופנים אין דעם יחוד פון הוי' מיט אדנ'.

די הוראה דערפון אין עבודה בפועל:

צום אלעם ערשטן זעט מען דאך דערפון בפשטות דעם גודל הענין פון זהירות אין עניית אמן,

הנחה פרטית בלתי מוגה

וכידוע אויך דער סיפור מיטן בעל הלבושים, וואס ס'איז געווען דער עונש בשעת ס'האט געפעלט איין מאל אין עניית אמן - וואס יעדערער וואס ווייסט דאס זען איז "תסמרנה שערות ראשו".

און דורך דער זהירות אין עניית אמן - קומט מען, וויבאלד אז מצוה גוררת מצוה, צו זהירות אין זאגן די ברכות, ונוסף לזה - בשעת ער ווייסט אז ער דארפן ענטפערן אמן, וועט ער זיך איינהערן די ברכות, און וועט דערווייליג ניט רעדן - וואס ס'איז דאך ידוע די חומרת הענין פון דיבור בביהכנ"ס וכו', ביז אז דאס וועט ברייננגען צו מיעוט אין דיבור בכלל.

און ווי דער אבן עזרא איז מבאר אין קהלת אויפן פסוק "אלקים בשמים ואתה על הארץ על כן יהיו דבריך מעטים" - וואס דארטן איז ער מבאר אז עס דארף זיין א מיעוט אין דיבור של תפלה; ומזה מובן בכ"ש וק"ו בנוגע צו דיבור סתם,

ביז צו די סוגים אין דיבור וואס דער רמב"ם רעכנט אויס אין פירוש המשניות אין מס' אבות.

און דורך דער זהירות אין אמירת אמן - וועט מקויים ווערן וואס די גמרא זאגט אין סיום מס' נזיר (כנ"ל) - אז "גדול העונה אמן יותר מן המברך", און מ'ברענגט אויף דעם דער משל פון מלחמה אז "יוצאין למלחמה ונוצחין".

ביז אז מ'וועט אויספירן די כוונה "לעשות לו ית' דירה בתחתונים" - וואס כמדובר כמה פעמים איז אין דער דירה געפינט זיך דער מלך אליין, זיין עצם.

ויתירה מזו: בכלל איז דאך דער דין אז "המלך - אין רואין אותו ערום"; עס מוז דאך אבער זיין אן ארט וואו ער טוט איבער זיינע בגדים - פון די בגדי מלכות וואס ער גייט בהיכל מלכותו, צו די בגדים וואס מיט זיי גייט ער אין שדה; ועד"ז פון בגדי זהב צו בגדי לבן - וואס וואו טוט ער דאס - אין א מקום צנוע, בדירתו; קומט דאך אויס אז בדירתו איז יא פאראן א מציאות פון "ערום".

ונוסף לזה: וויבאלד דער מלך דארף דאך שלאפן, און נארמאלע מענטשן שלאפן דאך ביי זיך אין שטוב -

[ביז וואנעט אז ס'איז דא א גאנצע שקו"ט בנוגע צו דער מצוה פון סוכה: דעם ענין פון אכילה ושתי' בסוכה האט מען גע'פועל'ט בא אלעמען; משא"כ דעם ענין פון שינה בסוכה איז דאך ידוע וואס מ'האט אין דערויף טענות צו ליובאוויטש וכו' - ועכ"פ איז די מציאות אז רובא דעלמא שלאפן ניט אין סוכה, נאר מ'שלאפט בא זיך אין שטוב (און ס'איז ע"ד ווי געזאגט פריער וועגן א שכחן בטבעו וואס לערנט, אז ער איז אן אנוס)].

איז משמע פון כמה ערטער בש"ס אז אין יענע צייטן פלעגט מען שלאפן נאקעטערהייט, נאר מען פלעגט זיך פארדעקן מיט א סדין -

במילא קומט אויס אז ווען דער מלך איז ישן בדירתו איז ער אויך "ערום" -

וואס מכל זה איז מובן אז אין דער דירה וואס מען מאכט "לו ית' בתחתונים", איז זיין עצם בגלוי ("ערום").

און דאס איז די כוונה פון גאנץ בריאת העולם - לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

דאס איז אויך וואס די משנה זאגט בסיום פרק קנין תורה "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו".

וואס דערפון איז מובן, אז מ'מוז אויסנוצן יעדער ענין בעולם לכבודו של הקב"ה, וואָרום דערמיט בארעכטיקט מען זיין עקזיסטענץ.

און דעריבער איז ער מדייק און זאגט "כל מה שברא הקב"ה בעולמו" - ווייל לכאורה איז ניט מובן: ווי קען מען זאגן "לא בראו אלא לכבודו", מ'זעט דאך אז עס זיינען פאראן זאכן וואס זיינען היפך כבודו (ווי גערבראכט פריער פון מד"ש) - און עולם איז מלשון העלם והסתר אויף אלקות?

אויף דעם איז דער ענטפער אז עס רעדט זיך וועגן "עולמו" של הקב"ה, ד.ה. טאקע א עולם מלשון העלם, אבער עולמו של הקב"ה - וואס דאס איז עולם הבריאה וואס רובו טוב, ובפשטות - איז אין דעם עולם נאר דער ענין פון בריאה יש מאין, לפני קבלת הצורה וכו' (ווי דער רמב"ן איז מבאר אין אנהויב בראשית, אז דער לשון "ברא" איז מורה אויף התהוות החומר הפשוט יש מאין, און ערשט שפעטער קומט די צורה וכו', יצירה ועשי').

איז כל מה שברא הקב"ה בעולמו - לא בראו אלא לכבודו.

דעריבער ברענגט ער אויף דעם די ראי' פון דעם פסוק "כל הנקרא לשמי ולכבודי בראתיו" - ווייל עס רעדט זיך וועגן עולם הבריאה.

לפי זה ווערט אבער שווער - וואס איז די הוראה דערפון אין מילי דחסידותא?

דעריבער ברענגט די משנה אויך דעם סיום הכתוב - "יצרתיו אף עשיתיו", ווייל הגם אז די בריאה מלכתחילה אין דעם אופן אז "לא בראו אלא לכבודו", איז טאקע נאר אין עולם הבריאה - וועט דאס אבער סוף סוף נמשך ווערן אין יצירה ועשי',

און דערפאר איז ער ממשיך "ואומר - ה' ימלוך לעולם ועד", כפירוש המד"ש, אז בגלוי אין עוה"ז וועט דאס זיין ערשט לעת"ל ווען ה' ימלוך לעולם ועד.

און וויבאלד אז אמירתו של הקב"ה חשיב מעשה - קען מען שוין איצטער זאגן אויף דעם "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו".

דאס איז דאך לכאורה א חידוש זאגן אזא זאך, און מ'קען פרעגן וואו איז דער מקור אויף דעם אין נגלה אדער אין חסידות - איז דאס א מפורש'ע גמרא, און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין לקו"ת.

אויפן פסוק "והי' כי נשך הנחש את איש והביט אל נחש הנחושת וחי", איז דער אלטער רבי מבאר, בהקדם מאמרז"ל "שטן ופנינה לשם שמים נתכוונו", אז דער שרש ומקור פון "שטן ופנינה" ווי דאס איז למעלה - איז דאס בבחי' טוב, לשם שמים; מערניט וואס ע"י הירידה למטה קומט ארויס דער ענין פון שטן ופנינה כפשוטו, וואס עד"ז איז בנוגע צום נחש, אז בשרשו למעלה איז "והביט אל נחש הנחושת וחי", נאר בירידתו למטה ווערט דערפון נשתלשל דער נחש הקדמוני, ביז דער נחש כפשוטו וחטא כפשוטו וכו'.

ד.ה. אז ווי די ענינים פון שטן ופנינה, די ענינים פון "וגם רשע ליום רעה", זיינען בשרשם למעלה, אדער אין עולם הבריאה - איז שטן ופנינה לשם שמים נתכוונו, (וואס דאס איז דאך די הפטרה פון ר"ה), ווייל "כל מה שברא הקב"ה בעולמו (עולם הבריאה) לא בראו אלא לכבודו" - נאר פון דעם קומט ארויס למטה דער ענין פון היפך הטוב,

און דעריבער איז די כוונה ניט צו מבטל זיין מציאותו של הרע למטה - נאר וגם רשע ליום רעה - "שישוב מרשעו ויעשה הרע שלו אור ויום" (תניא), ד.ה. מגלה זיין די אמת'ע מציאות פון דעם רע, ווי ער שטייט אין עולם הבריאה, אז דאס איז לשם לכבודו, אור ויום.



הנחה פרטית בלתי מוגה

דערמיט וועט מען אויך פארשטיין די שייכות פון דער משנה מיט ר"ה, וואס ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו פ' נצבים (און צו דער הפטרה "שוש אשיש"), אז "לעולם קורין פ' זו קודם ר"ה" - עד"ז איז אויך אין דעם פרק ששי פון פרקי אבות, אז לעולם לערנט מען פרק ששי לפני ר"ה.

דער ענין פון ר"ה איז דאס, אז דעמולט "חוזרין כל הדברים לקדמותן", ד.ה. לשרשן ומקורן, און מען דארף זיי ממשיך זיין נאכאמאל מלמעלה -

איז כדי זיי זאלן אראפקומען למטה אין עולם העשי' דארפן זיי דאך דורכגיין עולם הבריאה, וואס דארטן שטייען זיי אין דעם מצב פון "לא בראו אלא לכבודו".

ס'איז אויך דא א שייכות כללית פון דעם פרק קנין תורה וואס מען לערנט לעולם פאר שבועות, זמן מ"ת, צו ר"ה -

ע"פ המבואר אין חסידות בכ"מ, אז באמת איז דער ענין פון ר"ה און דער ענין פון מ"ת - דער זעלבער ענין; ביז אז מ'דארפן האבן א הסברה אויף די חילוקים שביניהם, פארוואס בר"ה איז "אתם נצבים היום כולכם" בשוה, און ביי מ"ת איז געווען "משה מחיצה בפ"ע ואהרן מחיצה בפ"ע".

ביז ווי דער רס"ג איז מבאר אז איינער פון די טעמים פון תקי"ש בר"ה - איז כדי צו דערמאנען זיך אין דעם קול שופר פון מ"ת, ווי מ'זאגט טאקע אין די פסוקי שופרות די פסוקים וואס רעדן וועגן דעם שופר פון מ"ת.

און ווי דער משל וואס דער בארדיטשעווער ברענגט (קדושת לוי ר"ה ד"ה בחצוצרות) אויף דעם פון איינעם וואס איז געגאנגען צום מלך מיט די בגדים וואס אין זיי איז ער געווען אנגעטאן ווען ער האט געטאן דעם מלך א טובה - וואס עד"ז איז די הזכרה פון דעם שופר דמ"ת בראש השנה, ווי עס ברענגט זיך אין די דרושים פון רבי'ן מהר"ש.

און דאס איז דער קשר פון דעם פרק קנין תורה וואס מען לערנט לפני שבועות, צו ר"ה.

ויהי רצון, אז בקרוב ממש זאל מקויים ווערן דאס וואס די משנה איז מסיים, אז לע"ל וועט זיין בגילוי דער ענין פון "ה' ימלוך לעולם ועד". און "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה' ולעבדו שכם אחד", וואס הגם אז די עמים וועלן דינען דעם אויבערשטן "שכם אחד", פונדעסטוועגן קומען זיי ניט צו אידן, און "ועמדו זרים ורעו צאנכם". זיי וועלן זיין משמשים צו אידן;

און דערנאך קומט מען צו דעם וואס דער רמב"ם איז מבאר אין סיום פי"ב, וואס דאס איז אויך דער סיום פון הל' מלכים און דער סיום פון גאנץ יד החזקה - אז "יהיו ישראל חכמים גדולים וכו' ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים".

און אידן וועלן שטייען אין א מצב פון "כולם ידעו אותי", און אין אן אופן ווי משה רבינו איז געווען, קרוב לשמים ורחוק מן הארץ, וואס דערפאר שטייט ביי אים "האזינו השמים גו' ותשמע הארץ" (ניט ווי ביי ישעי' הנביא),

ד.ה. אז ס'וועט טאקע זיין א מציאות פון ארץ, גשמיות, מעדנים כעפר, אבער דער גוף איז א טפל צו דער נשמה וואס זי איז דער עיקר (רחוק מן הארץ וקרוב לשמים) - און עס זאל נתגלה ווערן בקרוב ממש ובעגלא דידן.

צוה לנגן אתה בחרתנו. התחיל לנגן ניעט ניעט. ואח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *



הנחה פרטית בלתי מוגה

א. אז אידן קלייבן זיך צוזאמען, ובפרט אז מ'קלייבט זיך צוזאמען אין אן ארט וואס איז פארבונדן מיט א ספעציעלע ליכטיקייט, און א ספעציעלע הייליקייט, ווי אן ארט וואו אידן דאוונען, און לערנען תורה, און דערצו נאך אויך אין א צייט וואס האט אין זיך אויך, אויסגעטיילט פון דעם גאנצן יאר ווי די איצטערדיקע טעג, פון ימי הסליחות, וואס דאס איז דאך די טעג, וואס דער אויבערשטער האט אפגעשטעלט, אז דעמאלט זאל מען זיך פארגעבן און סולח זיין און מוחל זיין, יעדער אידן, און אלע אידן, נאך אין די טעג פון סליחות, פאר ר"ה.

ווי ער דערציילט אין מדרש, בשעת אז משה רבינו האט געזען אז דער ביהמ"ק וועט חרב ווערן, וועט מען ניט קאנען מקריב זיין די קרבנות, וואס זיי ברענגען אראפ א סליחה פאר אידן, האט מען געפרעגט בא דעם אויבערשטן, וואס וועט דעמאלט זיין? וואס זאל מען דעמאלט טאן? האט דער אויבערשטער געענטפערט, אז אידן זאלן זיך צוזאמען קלייבן באגודה אחת - אסאך אידן צוזאמען, און מ'זאל זאגן סדר סליחה - מ'זאל זאגן דעם אויבערשטן - מתפלל זיין, לויט דעם סדר סליחות, און אט דעמאלט וועט דער אויבערשטער מכפר זיין.

און דארט ווי דער מדרש גיט צו, נאך א וואונדערליכע זאך, געפינט זיך אלע מצוות און אלע ענינים, וואס דער אויבערשטער אט איבערגעגעבן, מנהיגי ישראל, צו אידן, ווי אזוי מ'זאל זיך פירן, ווערט דערציילט בא רובם ככולם - כמעט ביי אלע פון זיי, אז דער אויבערשטער האט געזאגט אז מ'זאל זיך פירן אין א באשטימטן אופן, און אין דעם ביישפיל גופא, מקריב זיין א קרבן אין משכן דערנאך אין ביהמ"ק, וועט דאס ברענגען די סליחה.

דער מדרש דערציילט ווי אזוי דער אויבערשטער האט געזאגט אז מ'זאל זאגן סדר סליחות, וועט דעמאלט דער אויבערשטער פארגעבן אויף אלע זאכן וואס זיינען געווען ניט ווי געוואונטשן, וועט דאך דאס במילא ברענגען דעם אויבערשטנ'ס ברכות, האט זיך דער אויבערשטער ניט באפרידיקט דערמיט, וועגען דערויף אנגעזאגט, נאר ווי דער מדרש דערציילט, אז ער האט זיך כביכול אנגעטאן זיך אין א טלית ותפילין, און אט געזאגט סדר סליחות - י"ג מדות הרחמים - יאון באוויזן א ביישפיל פון זיך אליין ווי אזוי מ'דארף זאגן סליחות כדי אידן זאלן זיין זיכער אין דעם אויבערשטן'ס ברכות, אפילו אין דער צייט פון גלות.

וואס גלות איז דאך פארבונדן דערמיט וואס מ'האט אמאל געטאן ניט קיין געוואונטשענע זאכן - "מפני חטאינו גלינו מארצנו", די איינציקע סיבה, פארוואס אידן זיינען געגאנגען אין גלות, איז דאס ניט דערפאר וואס ח"ו א גוי ניט קיין איד, קאן האבן א שליטה אויף א אידן, זאגט מען אין דעם שיעור חומש פון הייגטיקן טאג אז "יצב גבולות עמים למספר בנ"י", אז עס איז פונקט פארקערט, אט דאס וואס, עס איז דא פעלקער, און זיי זיינען דא אין א באשטימטע צאל, און אין א באשטימטן אופן, איז דאס פארבונדן, דערמיט וואס אזוי געפינט זיך ביים אידישן פאלק, וואס פון עם ווערט דערנאך אראפגעבראכט די באשאפונג, מיט דעם אויבערשטנס הילף, צו אלע פעלקער ארום זיי.

און ווי ער זאגט גלייך אין דעם זעלבן שיעור אז - "יעקב חבל נחלתו" - אז יעדער איד, אלץ א טייל פון דעם אידישן פאלק, איז ער פארבונדן, ווי רש"י טייטשט אפ מיט שטארקע שטריק, מיט דעם אויבערשטן, אז וואו ער זאל זיך ניט געפינען, אין וואס פאר א צייט, און אין וואס פאר אן ארט, איז ער פארבונדן מיטן אויבערשטן, מיט א חוט המשולש, מיט א שטארקע שטריק, וואס דאס איז אן אייביקער פארבונד, און קיין זאך קאן דאס ניט שטערן, ח"ו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' אז מ'זאגט אז דער אידישער פאלק, איז איין פאלק צווישן שבעים זאבים - מערערע פעלקער, וואס זיי באציען זיך ניט אלע מאל, ווי עס דארף זיין, דארפן זיי וויסן זיין, אז "הוי' בדד ינחנו" - ווי מ'זאגט אין היינטיקן שיעור, אז דער אויבערשטער אליין, וואס ער איז "בדד", ער אליין איז אן איין און איינציקער, "אין עמו אל נכר", ס'איז גאר ניט שייכות א געדאנק, אז ס'איז דא נאך אימיצער, א חוץ דעם אויבערשטן, און אזוי איז אויך, "בדד ינחנו" - פירט דער אויבערשטער אן מיט א פאלק, וואס ער איז אן איין און איינציקער פאלק, איינער אליין, און קאן זיך ניט פארלאזן אויף אנדערע פעלקער, און דאס, ח"ו, ניט דאס שוואכט אפ זייער שטארקייט, נאר אין דערויף באשטייט די שטארקייט פון אידישן פאלק וואס זיי זיינען א "גוי אחד בארץ" - אן איין און איינציקער פאלק, אין דער גאנצער וועלט, "ודתיהם שונות מכל עם", דורך דערויף וואס זיי פירן זיך אין טאג טעגליכן לעבן, אין א אידישן וועג, וואס דאס איז אינגאנצן אנדערש פון דעם אויפפירונג, פון אלע אנדערע פעלקער.

און דורך דערויף ווערן זיי "ישנו עם אחד" - דורך דערויף דערקענט מען אין זיי, אז זיי זיינען אן איין און איינציקער פאלק, וואס ווערט אנגערופן "עם אחד", דערפאר וואס ער איז פארבונדן מיט ה' וואס ווערט אנגערופן "הוי' אחד" - דורך דערויף וואס דער פארבונד באשטייט דורך "תורה אחת", מיטן אויבערשטן, און פון דער ספּיציעלער אנווייזונג פון דער איין יעדער איד און אלע אידן פירן זיך, לויט און מ'האלט זיך "לעמו ישראל" גענעבן גענעבן איז זי וואס ,תורה איינציקע און און אין דעם אין טאג טעגליכן לעבן, האט מען דעם טאג טעגליכן באשיצונג, אויך די ברכה, און די שטארקייט פון דעם אויבערשטן, אז מ'פירט אן זוי עס דארף זיין, אין א אידישע וועג, מיט דער אייגענער הויז, און מיט די אייגענע סביבה - מיט די אייגענע אויסגעבונג.

און דורך דערויף האט מען אויך א שליטה - דורך דערויף געוועלטיקט מען אויך אויף די לאגע אין דער וועלט, אז ניט נאר אז דאס זאל ניט קאנען אנרירן א אידן און אידישקייט, נאר פארקערט, ס'איז "יצב גבולות עמים למספר בני ישראל" - די פעלקער דערקענען אז זיי מוזן ארויסהעלפן אידן, בכלל, און בפרט אין ענינים פון אידישקייט, און דאס גיט זיי א בארעכטיקונג, אז זיי זאלן עקזיסטירן, און דערפאר גיבן זיי נאך צו וויבאלד אז דאס איז נוגע זיי אליין - גיבן זיי נאך צו, אז זיי העלפן, און העלפן דאס בסבר פנים יפות.

און אז עס קומט צוגיין איינער און פרעגט א שאלה, ווי אזוי קאן מען זאגען אז אזוי איז די לאגע, ס'ווייזט זיך דאך אויס, אז מ'גיט א קוק אין גאס, און אז מ'לייענט א צייטונג - אז די לאגע איז ניט אזוי, זאגט ער אין דעם שיעור, אויך פון היינטיקן טאג - "שאל אביך ויגדך, זקנך ויאמרו לך", אז דאס איז ניט א נייעס אז אויסנווייניק האט זיך אויסגעוויזן איין ציור, דער אמת איז אבער געווען פונקט אן אנדערער, און כדי האבן אויף דערויף א ראי', דארף מען פרעגן, ווי עס איז געווען ביי די פריערדיקע דורות - ביי אביך און זקניך, די וואס געדענקען ווי ס'איז דעמאלט געווען, וועט מען אט דעמאלט אויסגעפינען, אט דאס וואס ער זאגט גלייך נאך דערויף, אז סוף כל סוף, האבן דעם נצחון אידישקייט, ביי אידן, האט דעם ניצחון אידן צווישן פעלקער, און דאס ווערט אויפגעטאן מיט דעם אויבערשטנס תוקף מיט דעם אויבערשטנס כח, און מיט דעם אויבערשטנס שטארקייט, וואס ער איז דאך דער איין און איינציקער בעל הבית אויף דער גאנצער וועלט.

און אט דאס איז אויך איינע פון די ערקלערונגען, וואס בשעת דער אויבערשטער האט געדארפט באווייזן אידן אז כאטש אפי' מ'געפינט זיך אין גלות, און מ'געפינט זיך אין די טעג פאר ר"ה, וואס דאס דערמאנט דאך אן אידן, אז ער דארף תשובה טאן, אומקערן זיך - ווי דער אפטייטש פון תשובה איז אומקערן זיך צו זיך אליין, צו זיין אמת'ן עצם, צו זיין אמת'ן זיין, וואס דאס איז אידישקייט און תורה, קאן ער דאך, ח"ו, טראכטן, אז ס'איז עפעס אפגעשוואכט געווארן, זיין פארבונד מיטן אויבערשטן, און ס'וועט עפעס אנרירן אין דעם אויבערשטנס ברכות, זאגט מען אז מ'דארף דאס טאן, וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אזוי געזאגט, וועט מען זיכער



הנחה פרטית בלתי מוגה

מצליח זיין אין טאן תשובה, און אט דעמאלט דורך דעם טאן תשובה, איז ניט ס'ווערט
א נייע איבערקערעניש ביי זיך, נאר ס'פונקט דער היפך דערפון, דאס אנטפלעקט ביי
יעדער אידן, און ביי אלע אידן, אין וואס ס'באשטייט זיין אמת'ער לעבן, און אין
וואס ס'באשטייט זיין אמת'ער קאך, און וואס איז עס באמת טייער, און ס'איז
מערניט מצד אן איינפלוס וואס קומט מבחוץ, פון זאכן וואס זיי זיינען פרעמד צו א
אידן, קאן זיך אויסווייזן אויף א קליינע ווייל, אז אפשר איז ניט דאס וויל ער,
און ניט דאס מיינט ער, און ניט אין דערויף קאכט ער זיך.

און ווי געזאגט - איז דערפאר האט דער אויבערשטער געזען אז מ'דארף האבן א
פארשטארקונג, וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין גלות, און ס'קומען צוגיין ניט אידן,
אדער ס'קומט צוגיין ניט אידישקייט, און זאגט אז אט זעט איר דאך אז מ'געפינט
זיך אין גלות, און תורה זאגט אן, אז פון גלות וועט מען ארויסגיין, ניט מיטן
אייגענעם כח, נאר דער אויבערשטער וועט שיקן משיח צדקנו, און דער אויבערשטער
וועט אליין מיטגיין מיט אים, און וועט ארויסנעמען יעדער אידן פון גלות, איז
דאך דאס א שווערע זאך - א שווערע גלות, און וויבאלד אז בדרך הטבע איז ניט דאס
איז געמיינט מיט דער גאולה, די גאולה וועט קומען דוקא פון דעם אויבערשטן אליין
דורך משיח צדקנו,

דארף דער אויבערשטער באווייזן א ספעציעלע פארשטארקונג אז אידן זיינען
זיכער אז דער אויבערשטער איז אים מוחל וסולח אויף די אלע ניט געוואונטשענע
זאכן וואס זיינען געווען בעבר - אין די טעג וואס זיינען שוין פארגאנגען, און
אוועקגעגאנגען, און פון איצט אן און ווייטער וועט זיין הייליקע טעג, און
ליכטיקע טעג, ווארום ס'וועלן זיין אידישע טעג.

און דערפאר האט זיך דער אויבערשטער ניט באגנוגנט דערמיט וואס ער האט
געזאגט אז מ'וועט זאגן סליחות וועט ער פארגעבן, נאר ער האט אליין באוויזן מיט
א לעבעדיקער ביישפיל, כביכול, באוויזן זיך אין אן טלית ותפילין, געזאגט דעם
סדר סליחות, כד א איד זאל זען ווי אזוי דער אויבערשטער איז - "עמו אנכי", אז
ער געפינט זיך מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן, אין וואס פאר א צושטאנד זיי
זאלן ניט זיין, אפילו אין אזא מין צושטאנד, ווען מ'דארף טאן תשובה, זאגט אויך
דער אויבערשטער - "השוכן אתם" אז ער רוהט צוזאמען מיט זיי, און אין זיי, און
זאגט אויף דערויף דעם לשון "השוכן", אז וואו נאר דער אויבערשטער ווערט
אנגערופן "שכינה", געפינט ער זיך מיט אידן, אין וואס פאר א צושטאנד, ער זאל
ניט זיין, איז דער אויבערשטער - "עמו אנכי", געפינט ער זיך מיט אים צוזאמען.

און בשעת א איד זאגט סדר סליחות, אט דעמאלט זאגט דער אויבערשטער ווידער
אמאל סדר סליחות, און איז מקיים זיין הבטחה, אז ער פארגיט, ער איז מוחל וסולח,
די אלע ניט געוואונטשענע זאכן, אויב אפילו זיי זיינען געווען, עאכו"כ אז "עמך
כולם צדיקים", תורה האט אפגעפסק'נט אז יעדער איד, און אלע אידן, האבן א חזקה
אז מצד זיך אליין, אויב מ'איז זיי ניט מבלבל, זיינען זיי ניט נאר "כשרים" נאר
אויך "צדיקים", פונקט אזוי ווי דער אויבערשטער ווערט אנגערופן "צדיקו של
עולם".

איז גיט דער אויבערשטער, אין צוגאב וואס א צדיק באקומט, דאס וואס
ס'באקומט א בעל תשובה, וואס דאס איז נאך מערער ווי א צדיק באקומט, און ווי
דערקלערט אויך, אז דורך די צוגעפאסטע צוגרייטונג צו ר"ה, קומט דערנאך דער
"בכסה ליום חגנו", די שמחה פון זמן שמחתינו - סוכות, וואס דאס איז נאך א
גרעסערע שמחה, ווי די שמחה פון חג השבועות - זמן מתן תורתינו, און א גרעסערע
שמחה פון פסח - זמן חרותינו, ווארום - אט די שמחה וואס דער אויבערשטער האט, אז
ער זעט אז ס'קומט חודש אלול, און אין חודש אלול די טעג פון סליחות, זאגן אידן
סליחות, ווי דער אויבערשטער האט זיי אנגעזאגט, און דער אויבערשטער כביכול זאגט
מיט זיי צוזאמען, און גיט יעדערן פון זיי און זיי אלעמען צוזאמען, די כתיבה
וחתימה טובה, לשנה טובה ומתוקה, בטוב הנראה והנגלה, אז עס זאל זיין א גוטער
יאר, און א זיסער יאר, סיי בגשמיות, און סיי ברוחניות, סיי אין זאכן וואס

זיינען פארבונדן מיטן גוף, און סיי זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט דער נשמה, און אין אזא מין גוט, וואס יעדערער וועט פארשטיין אז דאס איז גוט, ווארום דאס פארשטייט - אין צוגאב וואס די נשמה אנערקענט דאס, פילט דאס אויך דער גוף, אז דאס איז גוט אויך אין ענינים גשמיים.

ב. כדי דורך צופירן, און מאכן לייכטער יעדער אידן און אלע אידן אז זיי זאלן קאנען זאגן סליחות, אין דעם ריכטיקן אופן, און פארבינדן זיך נאך מערער אין אנטפלעקטן אופן, מיטן אויבערשטן וואס ער איז געווען דער ערשטער, וואס האט געזאגט סליחות, און האט געזאגט אז דאס איז די וועג, וואס ער עפענט פאר יעדער אידן און אלע אידן אין אלע דורות, היינגט דאס אפ אן דער רוח, און דער אויפפירונג, און דער פילונג, וואס יעדער איד האט ביי זיך אין הויז די פילונג, און די אוירה - די שטימונג, און דער אויר אין דער הויז, היינגט דאס אפ אן די עקרת הבית, די פרוי פון דער הויז, וואס זי ווערט אנגערופן עקרת הבית, דער עיקר פון דעם הויז, און אין איר היינגט אפ אז די הויז זאל ווערן א "מקדש מעט", א הויז אין וועלכער דער אויבערשטער זאגט "ושכנתי בתוכם", אט דאס איז א הויז וואס דארטן קומט אראפ די "שכינה", אין דער גאנצער הויז, דערפאר וואס זי געפינט זיך אין דעם הארצן פון יעדערן וואס געפינט זיך אין דער הויז, און דאס היינגט אפ ווי געזאגט - צום אלעם ערשטן אין דער אידישער פרוי, ווי אזוי דאס איז געווען ביי מתן תורה, אז מ'האט אנגעהויבן רעדן, פריער, דערציילן און זען אז אידישע פרויען זאלן מקבל זיין די תורה מיט שמחה וטוב לבב.

אזוי אויך בשעת ס'קומט פאר ר"ה בשעת מ'דארף מאכן דעם משכן, זיינען אויך געווען די ערשטע די פרויען וואס האבן געבראכט די נדבות, און אזוי איז אויך - ווי געזאגט - אין משכן - מקדש מעט, אין יעדער אידישער הויז היינגט דאס אפ צום אלעם ערשטן אין דער פרוי, אז זי שטעלט אוועק דעם הויז, אז יעדערער וואס גייט אריין אין דעם הויז, דערפילט גלייך אז דאס איז א אידישע הויז. ניט נאר א הויז פון א אידן, נאר דאס איז א הויז וואס זי איז א אידישע, ווארום דארט איז דער משכן פון דעם אויבערשטן, דורך דערויף וואס זי פירט זיך אויף אין דער וועג ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט - לויט אידישקייט.

און דערפאר זעט מען דאך אויך, אז בשעת ס'קומט די טעג פון סליחות, וואס ווי געזאגט פריער - איז שוין דעמאלט פארגיט, און מ'איז מוחל וסולח - דער אויבערשטער, אויף די אלע ניט געוואונטשענע זאכן, און זאגט אז י"ג מדות, וואס דאס איז אין דער סדר סליחות איז "אינם חוזרות ריקם" ס'איז א זיכערע זאך, אז שוין ביי די ערשטע סליחות, ווען אידן זאגן מערערע מאל י"ג מדות, איז שוין "אינם חוזרות ריקם", טוען זיי אויף דעם אויבערשטנס מחילה וסליחה, ובדרך ממילא קומען אראפ דעם אויבערשטנס ברכות, און דערנאך גייט דאס אזוי פון טאג צו טאג, מיט יעדער סליחה אלץ מער דעם אויבערשטנס ברכות, ביז מ'קומט אין די טעג פון ר"ה, וואס אט דעמאלט איז מען תוקע בשופר, און מ'זאגט אז דאס איז "תרועת עמו ישראל ברחמים", אז דער אויבערשטער נעמט דאס אפ מיט זיינע רחמים, מיט י"ג מדות הרחמים, און חתמ'ט אפ גלייך בר"ה די אלע גוטע ברכות וואס מ'האט שוין אויס געווירקט און אויס גע'פועל'ט אין די טעג פון סליחות.

ג. און אויך אין ר"ה איז אונטערשטראכן דער עיקר וואס ס'דארף אויפגעטאן ווערן דוקא דורך פרויען, אז ס'איז דאך דא א ענין מרכזי יעדער שבת און יום טוב, און דאס איז אז אין צוגאב צו אלע תפילות וואס א איד איז מתפלל איז אויך דא קריאת התורה, - מ'לייענט אין דער תורה וואס דאס איז דעם אויבערשטנס ווערטער, סיי שבת און סיי יו"ט , סיי ר"ה און יוה"כ.

איז דער ערשטער פסוק פון דער ערשטער קריאה, פון דער ערשטן טאג ר"ה - הזיבט זיך אן "והוי' פקד את שרה" אז די ערשטע אידישע פרוי וואס דאס איז געווען - שרה אמנו, האט דער אויבערשטער איר פריער געבענטשט און דערנאך מקיים געווען די הבטחה, אין איז געבארן געווארן, און פון איר איז דערנאך געווען דער פארזעצונג פון די אבות און פון גאנצן אידישן פאלק עד סוף כל הדורות.

און אט דאס - ווי געזאגט - דערמיט הויבט זיך אן דער קריה"ת פון ערשטן טאג ר"ה נאך פאר תקיעת שופר, אז דאס איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער בענטשט אידן, און איז אויך מודיע און מפרסם, אז די הבטחה און די ברכה, ווערט מקויים דא אין דער וועלט אין עולם הזה הגשמי, און מ'האט דערנאך קינדער וואס זיי פארדינען אז זיי זאלן גערופן ווערן בן אברהם יצחק ויעקב, און בת שרה רבקה רחל ולאה, דורך דערויף וואס יעדער אידישע פרוי, אנהויבנדיק פון קינדוויליאן אויף הויבט זיך אן גרייטן און לערנען, ווי אזוי צו פירן זיך אין טאג טעגליכן לעבן, אז שרה אמנו זאל זיין צופרידן ווארום זי גייט לויטן וועג וואס שרה האט באוויזן, און דערמיט ווי געזאגט - גייט דערנאך אוועק די גאנצע קרה"ת פון דעם טאג.

אזוי אויך אז מ'גייט אריבער צו דעם צווייטן טאג, וואס דארט איז די קרה"ת אין צוזאמענהאנג מיט יצחק - עקידת יצחק דערציילט דאס אויך אין חומש אז ווי אזוי איז יצחק אויסגעוואקסן, אז ער האט זיך געפירט ווי יצחק האט זיך געפירט, ביז זיך צו מוסר נפש זיין אויף אידישקייט, און דאס האט ניט נאר ניט געשאט - ח"ו - נאר דאס האט נאך געבראכט צו "הרבה ארבה את זרעך", אז דורך זיין אויפפירונג, האט ער אויפגעשטעלט א גאנצען אידישן פאלק, - דערציילט ער אין חומש, אז דאס איז געווען דורך דערויף וואס שרה אמנו האט זיך אפגעגעבן מיט דעם באציאונג פון יצחק נאך מער ווי אברהם אבינו, וואס מ'פארשטייט ווי אזוי א"א האט זיך מוסר נפש געווען אויפן ערציאונג פון זיין "בנך יחידך", פון זיין בן יחיד, דערציילט אבער אין חומש אז נאך מערער האט אויפגעטאן שרה, דורך דערויף וואס זי האט אפגעהיט יצחק'ן, ניט קוקנדיק וואס ער איז געווען דער איין און איינציקער אידישער קינד, אין יענעם דור - אז ער זאל ניט האבן צו טאן מיט די גוי'שקייט פון קינדער פון אנדערע פעלקער, עד"ז אויך מיט גוי'שקייט אין אלגעמיין, און דורך דערויף וואס שרה האט זיך אויף דערויף מוסר נפש געווען, ניט קוקנדיק וואס זי האט געדארפט אויף דערויף אופמערקזאם מאכן, און געדארפט דערביי זיך שטעלן אנטקעגן דערויף. וואס זי איז געווען א מכנסת אורחים, געווען איינע וואס האט גומל חסד געווען - געטאן גוט, מיט אלע אראבער, און מיט אלע מענטשן וואס ארום איר -

איז בשעת ס'קומט צו ערציאונג פון א אידיש קינד, האט זי זיך ניט גערעכנט אפילו מיט די געפילונג, וואס דאס איז דאך א געפיל פון גמ"ח, איז דאך דאס א זאך וואס איז ע"פ תורה בוסף אויף דעם וואס דאס איז אין טבע-נאטור, פון יעדער מוטער, און זיכער פון א אידישע מוטער, און זיכער פון א אידישע מוטער וואס גייט אין די וועגען פון שרה אמנו.

בשעת ס'קומט אבער צו דער ערציאונג, פון אידישע קינדער רעכנט זי זיך ניט איינגאנצן דערמיט, וואס זי ערציט אים אין אן אופן אז ער איז "בדד ישכון", ער איז א אידיש קינד און רעכנט זיך ניט דערמיט וואס ער לעבט אין א שכונה אין א שטאט וואס אידישע קינדער איז דארט וויינציק "ואתם המעט מכל העמים", דארטן איז דא אסאך מער ניט אידישע קינדער, און ניט אידישע ערציאונג, און זי שטריינגט זיך אן און טוט אלץ וואס היינגט אפ אין איר, אז דער קינד, סיי א אינגעלע און סיי א מיידעלע, זאל באקומען די פולקאמענע ערציאונג, לויט די וועגן וואס ס'איז אנגעוויזן דורך שרה רבקה רחל ולאה, אונזערע הייליקע מוטערס - אמהות.

איז אט דעמאלט, וואקסט ער אויס א קינד וואס "הרבה ארבה את זרעך", אז דאס איז אסאך סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, און ער האט א ווירקונג אויף די גאנצע סביבה ארום אים, און פארשאפט דעם גרעסטן נחת, אמת'ן נחת, אויך נחת אין אויפוואקסן זיין צו זיין מוטער וואס זי האט אים אזוי ערציט, און צו דעם פאטער, און צו דער גאנצער משפחה, און צו דעם גאנצן אידישן פאלק.

און אין דערויף קומט נאך צוגיין חז"ל, אין גמ', און איז מוסיף אז מ'זאל וויסן זיין, אז דער ערשטער טאג פון יאר וואס דאס איז - ר"ה, איז מיט וואס צייכנט ער זיך אויס, אז דאס איז אט דער טאג וואס שרה רחל וחנה - וואס ווי

געזאגט פריער - שרה איז געווען די אידישע פרוי, און רחל איז געווען פון די פיר אמהות, אט די וואס ווי ער דערציילט אין מדרשים, איז בשעת אידן זיינען געגאנגען אין גלות האט זיי רחל געמונטערט און צוגעגעבן כח אז מ'זאל קאנעןביישטיין די שווערקייטן פון גלות, און זיין שטארק אין בטחון צום אויבערשטן, און אנהאלטן זיך אין "בדד ישכנו", "ודתיהם שונות מכל העם" - אידישקייט, וואס דאס הייסט נאך צו די גאולה ע"י משיח צדקנו, און נאך פריער ווי ס'וואלט געדארפט זיין.

און דערפאר אויך, ווי ער זאגט אין זהר, אז אידן גייען צוריק פון גלות גאר אין גיכן ע"י משיח צדקנו, גליט מען פארביי דעם ארט וואו רחל געפינט זיך, און מ'דיינקט איר אפ, פאר דעם כח און "מוט" וואס זי האט געגעבן ווען אידן זיינען געגאנגען אין גלות, און ווען איז זי געווארן אן אם בישראל, וואס איז נפקדה רחל, אנגעהויבן האבן קינדער - איז דאס פארבונדן מיט ר"ה וואס דעמאלט איז נפקדה רחל.

און אזוי אויך איז דערנאך געווען מיט חנה הנביאה, ווי ער דערציילט אין איר נבואה, אז די ערשטע נביאה וואס האט אנגעזאגט אז משיח צדקנו וועט קומען, און ער וועט קומען אין אן אופן פון "וירם קרן משיחו" מיט אויפגעהויבענע שטארקייט, און מיט אן אויפגעהויבענע האנט, ווארום יעדער איד און אלע אידן גייען ארויס פון גלות אין אן אופן פון "ואולך אתכם קוממיות", מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ, און מ'שרעקט זיך ניט פאר קיין זאך ווארום מ'האט מיט זיך דעם אויבערשטן און אט אט נעמט ער ארויס אידן ע"י משיח צדקנו פון גלות, האט דאס אנגעזאגט חנה הנביאה, אין איר בארימטע נבואה, וואס דאס איז די הפטרה פון ר"ה און פון דעם ערשטן טאג ר"ה.

און מ'זאגט אז אין וואס איז באשטאנען די גרויסקייט פון חנה - אז זי איז נפקד געווארן בר"ה, איר האבן קינדער איז פארבונדן מיט ר"ה, וואס דעמאלט זיינען יעדער איד און אלע אידן, נעמען אן אויף זיך דעם אויבערשטן אלס מלך ישראל, און דורך דערויף, פירן זיי אויך דורך אז דער אויבערשטער ווערט מלך העולם, און אז אלע פעלקער אנערקענען אז דאס איז פארבונדן איינס מיט דער צווייטע, "יצב גבולות עמים למספר בנ"י", און דאס אלץ, איז די צוגרייטונג דערצו אין די "ימי הסליחות", וואס דעמאלט נעמט מען אן די גוטע באשלוסן, אין צוזאמענהאנג מיט ר"ה און אין צוזאמענהאנג מיט אלע טעג פון דעם יאר, וואס קומען נאך ר"ה.

ד. און בשעת די החלטות ווערן אנגענומען דורך נשי ובנות ישראל, דורך אידישע פרויען, פארהייראטע, און די וואס זיינען דערווייליע נאך ניט פארהייראטע - בנות ישראל, נעמען זיי שוין אן דעם פעסטען באשלוס, און מ'נעמט דאס אן בשמחה ובטוב לבב, מיט צופרידנקייט און מיט פריילעכקייט, און מיט אמת'ע פריילעכקייט, אמת'ע שמחה, וואס מ'האט זוכה געווען אז דער אויבערשטער האט אונז געגעבן די תורה אור, אונז באלייכטן די וועג אין טאג טעגליכן לעבן, אז יעדער טאג זאל זיין א לעבעדיקער טאג, ניט נאר א טאג פון לעבן, נאר א טאג וואס לעבט, ווארום ער איז באלייכטן מיט תורת חיים, מיט דער לעבעדיקער תורה, וואס זי איז געגעבן געווארן פון "אלקים חיים", פון דעם אויבערשטן.

דערנאך הויבט מען אן די החלטות מקיים זיין, שוין אין די ימי הסליחות, איז אט דעמאלט ווי דערמאנט פריער - האט מען שוין די כתיבה וחתימה טובה, נאך אין די סליחות טעג און מ'גייט מיט נאך מער שמחה צו ר"ה ווארום מ'איז זיכער און דער אויבערשטער איז מבטיח, ווי געזאגט פריער - אז ער האט באוויזן א ביישפיל, ווי אזוי פון ימי סליחות, ווערט אויפגעטאן דער "ברחמים", אין אן אופן וואס "איננן חוזרות ריקם", פועל'ן אויף די אלע ענינים וואס אידן האבן, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות.

ויהי רצון, דער אויבערשטער זאל בענטשן און מצליח זיין יעדערן פון די וואס געפינען זיך דא, יעדערע פון די וואס הערן דאס דורך פארשידענע מיטלען, און אט די צו וועלכע ס'וועט אויך דערגיין שפעטער, איז דאך דער שפעטער מערניט מיט א



הנחה פרטית בלתי מוגה

פאר רגעים, אבער אלץ נאך אין די טעג פון סליחות, אז יעדערער פון זיי זאל וויסן זיין, אז "הוי' בדד ינחנו" דער אויבערשטער איז מיט יעדען אידן פון קליין ביז גרויס, און נאך מערער אין דערויף בשעת "אתם נצבים היום כולכם" גערעדט גערעדט אין דעם שבת מברכים וואס דאס איז שבת סליחות, אז מ'האט אנגענומען די באשלוסן בשעת אז "כולכם", מ'געפינט זיך א מערערע צאל צוזאמען, וכאמור, אין א מקום קדוש, ובזמן קדוש פון ימי הסליחות, גרייט מען זיך בשמחה ובטוב לבב, צו א פריילכן ר"ה, און צו א פריילכן גאנצן יאר, דורך דערויף, וואס שוין אין די טעג פון סליחות, איז פריילעך.

און מ'פארבינדט דאס מיט נאך מער צוגעבן אין אלע זאכן פון אידישקייט אין טאג טעגליכן לעבן, ובנוגע צו פרויען און טעכטער, אין דער אויפפירונג פון דער הויז, אז יעדערע פון זיי איז דאך די עקרת הבית, אדער זי גרייט זיך צו זיין א עקרת הבית.

און דאס זאל נאך מער צוגעבן אין דעם אויבערשטנס ברכות, צו יעדער אידן און אלע אידן, וואו זיי געפינען זיך, אנהויבנדיק אין ארץ הקודש, פון אונזער הייליקער לאנד, אויף וועלכע מ'זאגט אז "מרשית השנה" פון אנהויבס פון יעדער יאר - ר"ה, ווערט באנייט נאך מערער ווי ס'איז געווען אין די פריערדיקע יאר, "עיני הוי' אלקיך בה" דער אויבערשטערס השגחה, אויף יעדער זאך אין א"י "ועד אחרית שנה", אין אלע טעג פון דעם גאנצן יאר, ביז די לעצטע טעג פון דעם יאר וואס גייט איצטער אוועק, "שנה השביעית שבת לה'", אז ס'זאל זיין א גאנצער יאר, ווארום ער איז גאנץ אין זאכן פון אידישקייט, פון תומ"צ, ס'איז א גאנצער יאר אין שלימות הארץ, אז גאנץ ארץ ישראל איז גאנץ אינגאנצן, און ווען איז ארץ ישראל גאנץ, ווען זי איז אינגאנצן אפגעגעבן צו דעם אידישן גאנצן פאלק, און קיינער קאן אין דערויף גארניט ענדערן, ווארום ס'געהערט צום גאנצן פאלק, און יעדער איד מאן אדער פרוי, וואו ער געפינט זיך, איז ער בעל הבית אויף גאנץ א"י, און קיינער קאן דער פון גארניס ניט אראפנעמען.

פונקט אזוי ווי מ'קאן גארניט צונעמען אין שלימות העם, ווארום דער אידישער פאלק איז פארבונדן אויף אייביק, ווי א "גוי אחד", ווי אן איין און איינציקער פאלק ווארום מ'איז פארבונדן מיט "הוי' אחד" מיטן אויבערשטן וואס ער איז דער איין און איינציקער בעל הבית אויף דער גאנצער וועלט, אין דער וועלט און אויף דער וועלט, און ער פירט אן מיט "גבולות עמים" - מיט אלע פעלקער פון דער וועלט, און זעט אז זיי זאלן העלפן אידן, אין וואס זיי נויטיקן זיך אין די לעצטע טעג פון גלות, און העלפן מיט א גוטן אופן, און א פריילכן אופן.

ווי געזאגט פריער - אלע החלטות אנהויבנדיק פון ארץ הקודש, אויך וואו אידן געפינען זיך "בכל מושבותיהם", וואו נאר דער אויבערשטער האט זיי באזעצט, ווארום "מה' מצעדי גבר כוננו" - און ווי דער בעש"ט זאגט, אז דארט וואו א איד געפינט זיך האט אים דער אויבערשטער אהינצו געשיקט, און געשיקט אלס א שליח, ער זאל דארט פארשפרייטן אידישקייט, און מאכן ליכטיק די פינצטערקייט פון גלות, דורך תורה אור, אנהויבנדיק דערמיט וואס ער מאכט ליכטיג ביי זיך, און דאס גיט אים אז ער ווערט א בעל הבית פון דעם ארט וואו ער געפינט זיך, ווארום ער האט אים ליכטיג געמאכט.

און אז ס'קומט ימי הסליחות, און מ'גיט נאך צו אין די אלע זאכן, מיט פעסטע באשלוסן אלץ מערער און מערער, האט מען נאך מער הצלחה, שוין אין די לעצטע טעג פון גלות, אז עס זאל זיין "ולכל בני"י הי' אור במושבותם" פונקט אזוי ווי ס'איז געווען דעם ערשטן גלות אין גלות מצרים, איז נאך זייענדיק אין מצרים, דורך דערויף וואס אידן האבן געפאלגט משה רבינו, איז ביי זיי איז געווען ליכטיג, ווען אין גאנץ מצרים איז געווען "ימש חשך" א טיפע פינצטערניש.

אזוי אויך אין דעם גלות, כאטש אפי' ווי דער נביא זאגט, "החשך יכסה ארץ", ס'איז נאך דא פעלקער וואס לעבן אין א פינצטערניש, און טומלען זיך, און פירן

דיך אויף ניט ווי מענטשן דארפן זיך פירן, מאכט א איד ליכטיג ביי זיך, און דורך די פענסטער און דער קיר, ווערט אויך ליכטיג ביי דעם "חשך" וואס "יכסה ארץ", אז ס'ווערט דארטן ליכטיג, "והלכו גוים לאורך", אז די פעלקער גייען נאך אידן, וויבאלד אז ביי א אידן איז ליכטיג, ווערט דאס ליכטיג נאך "במושבותם", וואו אידן געפינען זיך אין דעם לעצטן גלות, אין דעם איצטיקן גלות,

און מ'גייט בקרוב ממש, גאר אין גיכן מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין די גאולה האמיתית והשלימה, אין דעם נייעם יאר, וואס דאס איז דאך א "שנת הקהל", אז מ'קלייבט צוזאמען אלע אידן צוזאמען, "האנשים והנשים והטף", וואס כדי גאר קליינע קינדער ביז פיצלאך קינדער, זאלן גיין אין ביהמ"ק, הייבט דאס אן בעיקר אן די נשים, אז זיי זאלן זען אז דער טף זאל זיך ערציען און גיין אין ביהמ"ק, "ישמעו וילמדו ויראו", און דארטן וועלען זיי צו הערן זיך צו דעם אויבערשטנס א וואָרט, און אזוי דערנאך פירן זיך "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה" אלע טעג פון זייער לעבן.

- וכאמור, דורך אלע פעסטע באשלוסן, און גלייך אנהויבן צו טאן אין דעם נאך אין די ימי הסליחות, גייט מען מיט א פעסטע זיכערקייט, "לובשים לבנים ומתעטפים לבנים", ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז מ'איז זוכה בדין, נאך אין ימי הסליחות, און זיכער נאך אין ימי ר"ה, און מ'גייט ארלין אין דעם יאר וואס דעמאלט וועט מען זוכה זיין צו ביאת משיח צדקנו, נאך דערויף, וואס ער וועט פירן אלע אידן אין ירושלים עיר הקודש, אין דעם ביהמ"ק, און דארטן לייענען בתורה בחג הסוכות, פאר דעם גאנצן אידישן פאלק, במהרה בימינו ממש, געזונטערהייט און פריילעכערהייט.

זאל דער אויבערשטער בענטשן און מצליח זיין יעדערער פון אייך, און די אלע וואס הערן זיך צו, און אלע צו וועמען מ'וועט דאס איבערגעבן, מיט א "כתיבה וחתימה טובה", "לשנה טובה ומתוקה" בטוב הנראה והנגלה.

וואס דאס הויבט זיך שוין אן פון ר"ח אלול, נאך מערער פון ח"י אלול און ספיציעל אין די טעג פון סליחות, וואס דעמאלט, ווי געזאגט פריער, האט דער אויבערשטער באוויזן, א ביישפיל פון זיך, אז ער זאגט סליחות, און ס'טוט זיך אויף די פעולה, נאך דערויף גייט יעדער איד פון גרויס ביז קליין, אויך אין דעם זעלבען וועג, און פועל'ט דעם סליחה ומחילה וכפרה, אט דעמאלט ווערט ער "אהוב וחביב" באליבט ביי דעם אויבערשטן גאר אויפן העכסטן אופן, אז מ'האט שוין די כתיבה וחתימה טובה בימי הסליחות, און מ'גרייט זיך צו ר"ה, און צו קבלת פני משיח צדקנו, בשמחה ובטוב לבב, אמן כן יהי רצון.

האט יעדער א שנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, און טרעפן זיך ביי פריילעכע און ליכטיקע געלעגנהייטן, אלע צוזאמען, ובקרוב ממש טרעפן זיך ביי קבלת פני משיח צדקנו, אמן.

* * *



הנחה פרטית בלתי מוגה

ב"ה. שיחת ליל כ"ט אלול ה'תש"מ, ערב ר"ה ה'תשמ"א.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

א. ~~צוה לנגן~~ ואמר מאמר ד"ה זה היום.

* * * *

ב. האמור לעיל אין מאמר [וואס ער איז דאך מיוסד און גענומען פון מאמרי רבותינו נשיאינו], גיט דאך אויך א הוראה ברורה (א קלארע אנווייזונג), אז בשעת מ'שטייט אין ערב ר"ה, וואס כשמו כן הוא, דעמולט גרייט מען זיך צו ר"ה, און אז מ'גיט א קוק אין מחזור אז וואס איז דער ענין פון ר"ה - אז דעמולט איז כל באי עולם עוברים לפניו כבני מרון.

אז דאס איז ניט נאר א זאך וואס איז פארבונדן מיט אידן, נאר דאס איז פארבונדן מיט יעדער מענטשן וואס איז דא אויף דער גאנצער וועלט.

און ס'איז דאך פארשטאנדיק אויך פון כמה ענינים וואס מ'זאגט אין תפלת המחזור - אז דאס איז פארבונדן ניט נאר מיטן מין המדבר, מיט מענטשן, נאר אויך מיט מין החי, און מין הצומח, און מין הדומם, וואס איז דא אין וועלט.

ווי אויך פארשטאנדיק פון דער משנה וואס זאגט אז ס'איז דא ארבע ראשי השנה, און עד"ז אויך דא בנוגע ווי מ'פסק'נט אפ אז לאילנות אין ר"ה לאילנות וכיו"ב.

אבער די אלץ הענגען אפ אן דערויף וואס ווערט אויפגעטאן בר"ה, ווי פארשטאנדיק אויך אז מ'זאגט זה היום תחלת מעשיך, איז דאך דער איינפאכער (דער פשוט'ער און דער ריכטיקער) אפטייטש פון מעשיך - איז דאס כולל כל מין המדבר און כל מין החי, און כל מין הצומח, און כל מין הדומם.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אט דאס וואס מ'פרעגט די שאלה, אז א איד לכאורה דארף זיך פארבינדן זיך און טאן מיט זיך אליין; וואס דארף ער זאגן א דעה און מישן זיך אין עניני העולם וכו'.

איז אט דאס איז, ווי געזאגט פריער: דער תכלית פון א אידן איז - אז ער זאל ליכטיק מאכן די וועלט, אלץ וואס ארום אים, ביז והלכו גוים לאורך.

און ליכטיק מאכן איז, ווי גערעדט מערערע מאל, איז ניט דער פשט אז מ'מאכט ליכטיק ווערט באשאפן א נייע זאך - נאר בשעת עס ווערט ליכטיק זעט מען יעדער זאך וואס זי איז און וואו זי געפינט זיך, און וואס מ'דארף מיט איר טאן.

בשעת ס'איז ניטא קיין ליכטיקייט קען ער א טעות האבן און ניט וויסן צי דאס איז א פענסטער צי א טיר צי דאס איז א טיש צי א ביינקל, און צי מ'דארף דאס שטעלן במקום פלוני, אין דעם ווינקל, אדער אין צווייטן ווינקל;

בשעת מ'מאכט ליכטיק אין זיין רשות אין זיין חדר - באלייכט דאס און ער זעט יעדער זאך ווי די זאך איז - א ווייסע זאך זעט ער אז דאס איז ווייס, און הפכו, היפך פון ריינקייט, זעט ער אז מ'דארף דאס אפוואשן אדער טאן די ענינים אז דאס זאל אויך ווערן ללבינו.

בשעת צוזאמען דערמיט איז דאך יעדער איד און אלע אידן מאמינים בני מאמינים, און זיי וויסן אז בעשרה מאמרות נברא העולם, אז דאס איז אלץ באשאפן געווארן, ס'איז געווען א צייט וואס ס'איז אינגאנצן ניט געווען קיין בריאה, און דערנאך איז דאס באשאפן געווארן, בדבר הוי' שמים נעשו וברוח פיו כל צבאם, דורך דעם אויבערשטן'ס א דיבור, און דורך דעם אויבערשטן'ס א מאמר.

איז דער אלטער רבי מבאר, אז דערפון איז גלייך פארשטאנדיק די תורת הבעש"ט ווי אזוי דאס איז א הכרה אין פשוט'ן שכל, אז וויבאלד אז דאס איז באשאפן געווארן

מאין ליש, מאין ואפס ממש, מוז דאס נתהווה ווערן תמיד, בכל יום ובכל שעה ובכל רגע דארף דאס באשאפן ווערן פון דאסניי.

דורך וואס - דורך דערויף וואס דער דבר ה', דורך וועלכן ער איז באשאפן געווארן צום ערשטן מאל - שטילט אין אים תמיד, און מאכט אים (באשאפט אים) פון דאסניי, און מאכט אים לעבעדיק, און גיט אים קיום - מהוה ומחי' ומקיים.

וואס דערפון פארשטייט מען אין שכל הפשוט אז די עצם מציאות פון יעדער זאך איז דאס - דער דבר הוי' וואס ער איז אים מחי' בכל רגע.

אעפ"כ קען דאך זיין אז מ'זאל זיך אויף דערויף ניט כאפן, אדער אז מ'זאל זיך אויף דערויף פארגעסן,

ער איז טאקע א מאמין בזה, במילא אז ער פארגעסט אויף דעם, אדער ער האט זיך גאר לכתחילה אויף דערויף ניט געכאפט - רעכנט ער זיך דערמיט וואס אים זאגט גשמיות העולם, רעכנט זיך מיט מדידות והגבלות פון וועלט, אפילו ווען דאס איז ניט אויסגעהאלטן און דאס שטערט צו פירן זיך ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט בתורתו.

און אט דא קומט ארײן תורה אור, און מאכט ליכטיק, און באווייזט אין יעדער זאך אז דאס איז נתהווה בכל רגע ורגע מאין ואפס ממש, ווערט דאס פון דאסניי באשאפן.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז אפילו ווי זי איז שוין באשאפן איז דאס ניט קיין אמת'ע מציאות, ווארום זי האט קיין קיום ניט, יעדער רגע דארף זי אנקומען מ'זאל איר באשאפן נאכאמאל פון דאסניי.

וואס באלייכט דאס, אז מ'זאל זען אז די מציאות איז אזוי - איז דאס דורך דערויף וואס מ'נעמט וואס עס שטייט אין תורה אור, און מ'נעמט דאס דערנאך אראפ לימוד מביא לידי מעשה, אז מ'נוצט דאס, בשעת מ'גיט א קוק אויף אן ענין וואס איז דא אין וועלט - כאפט מען זיך גלייך אז תורה אור האט באלויכטן די זאך,

ניט זי האט דאס געדארפט באשאפן; באשאפן באשאפט דאס דער אויבערשטער, די תורה האט אבער געמאכט ליכטיק די זאך אז ניט ווי אן אנדערער קען א טעות האבן, אז דאס איז א זאך וואס האט מלחמה מיט אידישקייט, במילא דארף מען זיך אויסרעכענען און טאן באופן כך אדער באופן כך -

דאס ווערט באלויכטן דורך תורה, אז דאס ווערט איצטער פון דאסניי מאין ואפס ממש,

ווי אזוי ווייס ער דאס - דערפאר וואס ביי אים איז געווארן ליכטיק אין זיין חלק בעולם -

האט ער דערנאך די שטארקייט און האט דערנאך די פאסנדע אותיות ווי אזוי דאס איבערצוגעבן, און צו א צווייטן אידן, ווי אזוי דאס איבערצוגעבן אויך צו א ניט-אידן, והלכו גוים לאורך,

און אט דעמולט איז וידע כל פעול כי אתה פעלתו, ער דערקלערט צו א "פעול" [ער האט מער קיין מעלות ניט, מערניט וואס ער איז א "פעול", א באשאפענער אין עולם הזה, אין עולם העשי'] אז כי אתה פעלתו,

און ער דערקלערט אים און גיט דאס אים צו פארשטיין, און העלפט אים ארויס ביז וואנעט דער פעול אליין איז אויך ידע, ער ווייס דערפון, ביז אין אן אופן פון דעת, ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ אין תניא אז דעת באווייזט אז דער וויסן איז ביי אים מיט א שטארקייט און מיט א זיכערקייט, יתקע מחשבתו בחוזק,

מיט דער גאנצער שטארקייט, אז קיין זאך קען אים דערפון ניט רירן,

און נאך דערויף, אז מ'האט אט די הכנה אין די טעג פאר ר"ה, וואס בכללות איז דאס דער חודש אלול, און דערנאך אין אלול גופא - די טעג אלץ נעענטער צו ר"ה ווערט דאס ביי אים מער נתאמת, און מער אין אן אופן פון ידיעה וחוזק, ביז וואנעט עס קומט דער לעצטער טאג פאר ר"ה, וואס ווערט אנגערופן, אז זיין מציאות איז כדי ער זאל זיך קענען גרייטן און טאן בר"ה און האבן בר"ה אט דאס וואס ר"ה דארף זיין,

איז אט דעמולט ווערט דאס ביי אים ביז אין אן אופן פון לובשים לבנים, מיט דער פולסטער זיכערקייט אז תורה האט אים באוויזן, ביז וואנעט אז דאס איז געווארן זיין איבערצייגונג און זיין שכל און זיין ידיעה, אז אין עוד, ווארום בכל רגע ורגע ווערט יעדער זאך באשאפן מחדש מאין ואפס ממש, אז דאס זאל ווערן א מציאות בעולם הזה,

וואס צוזאמען דערמיט גיט דאס אויך דעם בטחון אז ילך לבטח דרכו בערב ר"ה, וואס דאס איז דאך כולל כל ימות השנה, איז בעצם גרייט זיך א איד צו מקבל זיין מלכותו, ביז אין אן אופן אז עס וועט ווערן והיתה להוי' המלוכה בכל העולם כולו,

עאכו"כ אין ערב ר"ה עצמו -

גיט דאס אים די זיכערקייט, אז ער קען גיין מיט א זיכערקייט אין דעם וועג פון תורה ומצוות, ושמרו דרך הוי' לעשות צדקה ומשפט,

און די וועלט ניט נאר עס וועט אים ניט שטערן, נאר אז ער וועט זיך שטעלן מיט דעם אמת'ן תוקף, וואס דאס איז דעם תוקף וואס ער האט מצד תורה ומצוותי' - וועט זיין דער והלכו גוים לאורך, אז יעדער ענין אין וועלט וועט אים צוהעלפן אז די וועלט זאל ווערן ליכטיקער ווי זי איז געווען מיט א רגע פאר דעם,

און א רגע נאכדעם נאכמער ליכטיקייט, ווארום ער גייט להעלות בקודש, אלץ העכער און אלץ מערער אין זאכן פון ליכטיקייט,

וכאמור אנהויבנדיק פון דער ליכטיקייט אז מ'באלייכט יעדער זאך צוליב וואס זי איז באשאפן געווארן, און אין וואס זי באשטייט,

און אין דערויף קומט די נקודה עיקרית, דאס איז ניט נאר אז מ'זאגט אז מ'האט דאס באשאפן צוליב א צווייטן ענין, וואס דאס איז די ערשטע דרגא אין עבודה, אז מ'האט באשאפן איין זאך, כדי דערנאך זאל מען קענען טאן א מצוה מיט א צווייטע זאך ממלא זיין רצון ה',

בשעת אבער מ'באלייכט די זאך, וואס פאר א זאך דאס זאל נאר זיין, לויט תורת הבעש"ט איז יעדער זאך איז דאס דבר הוי', דעם אויבערשטן'ס ווערטער, וואס געפינען זיך אין דער זאך, און דאס מאכט דאס א נייע מציאות - ווערט די זאך אליין ביי אים אן ענין של קדושה, ניט צוליב א צווייטן ענין - ווארום ער זעט ניט דעם גשם וחומר - ער זעט די זאך ווי די זאך איז,

וואס וואס איז די עצם מציאות פון דער זאך - איז דאס דער דבר הוי', די אותיות און די רייד פון דעם אויבערשטן,

ובדוגמא ווי עס שטייט דאך אויף דערויף דער משל, אז בשעת מ'גייט אריין, און מ'זעט א זאך וואס איז צוגעזיעקט מיט אלע-ערליי צודעקן, קען ער ניט וויסן וואס עס געפינט זיך; אז ס'איז צוגעדעקט מיט צען לבושים, אדער צען קאלדרעס קען ער ניט וויסן וואס עס געפינט זיך אונטער דער קאלדרע, ובפרט נאך אז ס'איז ניט איינע נאר ס'איז צען,

ביז וואנעט אז אויב ביי אים פעלט אין ידיעה וואס עס טוט זיך אין דעם ווינקל, אדער אין דעם צימער, קען ער א טעות האבן און מיינען אז דאס איז גארניט ווי די קאלדרעס אליין, מערניט ווי דער מסך ופרסה אליין,

בשעת אבער ער האט זיך פריער געלערנט, און ער האט געלערנט פון איינעם וואס ווייס ווי אזוי די זאכן אין דעם חדר זיינען אויסגעשטעלט געווארן, און יענער דערציילט אים אז דא געפינט זיך אן אבן טובה ומרגלית, א טייערער שטיין שאין דוגמתו בעולם, אין גאנץ וועלט איז ניטא אזא אבן טובה,

און דעם שטיין האט מען צוגעדעקט מיט איין קאלדרע; אזוי ווי אבער דאס איז א שטיין וואס שיינט מיט א שטארקע שיין מיט א שטארקן אור, איז בשעת מ'וועט צודעקן מערניט ווי מיט איין קאלדרע - איז בדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע ווי דאס איז בפועל אין ראדיא, אז דאס שפארט דורך אפילו אז דאס האט אויף זיך א קאלדרע, א מכסה, איז אין לבוש איז ניט מעלים אז אינעווייניק געפינט זיך א שטארקע זאך וואס דער שטראל דערפון ברענט דורך און איז חודר ע"י כו"כ לבושים,

איז דער איין לבוש געווען ווייניק, און מ'האט אויף דער ערשטער קאלדרע ארויפגעלייגט נאך איינע, און מ'האט געזען אז דאס איז נאך אויך ניט מספיק, כדי מ'זאל קענען עפעס טאן דערפון וכו' - ביז וואנעט מ'האט ארויפגעלייגט צען קאלדרעס!

וואס אט דעמולט זעט מען ניט די ליכטיקייט פון דעם מקור האור, פון דער לאמטערנע, אדער פון דעם אבן טוב המוציא אור, אדער פון דער מאשינעריי ווי מ'זאגט דאס איצטער, וואס זי לאזט ארויס די שטראלן - דערפאר וואס מ'האט אוועקגעשטעלט אן ענין של מתכת של עופרת וואס דאס האלט אפ אפילו שטראלן פון ראדיא,

ווער האט אין דערויף א טעות - אט דער וואס האט ניט די ידיעות ניט וועגן דער מאשין, ניט אז די מאשין איז באשאפן געווארן און געמאכט געווארן צוליב א תועלת, צוליב א נוצן, און די תועלת דארף מען האבן אין אזא אופן אז פריער זאל דאס זיין צוגעדעקט זאל ניט אלעמאל שיינען און ברענען, ווארום אט דעמולט קען דאס דורכברענען עס ווערט אויס מציאות, עס ווערט פארברענט די גאנצע זאך,

אזוי איז דאס צוגעדעקט מיט א לבוש המעלים מיט א מסך המעלים, צי דאס איז עופרת, וכיו"ב;

דערנאך בשעת מ'דארף מאכן ליכטיק - איז מען מסיר (נעמט מען צו) די פרסה, און אט דעמולט לייכט דאס לפי רגע, און דערנאך איז מען ווייטער מעלים - אט דעמולט קען דער גשם בלייבן אין זיין מציאות, אט די רגע וואס דאס האט דורכגעליכטן זעט מען וואס עס טוט זיך אינעווייניק אין דעם גשם, ווי דאס איז אין משל בפשטות,

עד"ז איז דאס אין דעם אור וואס ער איז אן אור של טובה, און אור של קדושה, איז דא אזא אור וואס אין העולם ראוי להשתמש בו,

וואס הייסט אין העולם ראוי להשתמש בו; ס'איז דאך א גוטע זאך - זען אזא שטארקע ליכטיקייט און בלייבן (ווי ס'איז פריער געווען) א מציאות של גשם - איז דאס א דבר והיפוכו,

וואס דערפאר איז בדוגמא ווי מ'זאגט דאס בנוגע צו אור השמש, אז כדי מ'זאל קענען קוקן אויף דער זון, ווייס ער אז די זון איז מצמיחה צמחים, זי ברענגט אין דער וועלט אלע-ערליי גוטע זאכן; ער זאל אבער וועלן קוקן מיט דער עין בשר, מיט א פליישיקער אויג, גלייך אויף דער זון, איז דעמולט וועט די זון אים ניט זיין קיין תועלת - ס'וועט זיין פארקערט עס ברענגט א היזק,

און ער ווייס אז דאס איז א דבר טוב!

וואס איז דערצו־די עצה - אז מ'טוט אן טונקעלע ברילן,

איז דעמולט איז ניט דער פשט אז די זון ווערט טונקל, ס'איז אויך ניט דער פשט אז ער נארט זיך אפ אז די זון איז ניט ליכטיק; אפילו ווען ער טוט אן אויף זיך די טונקעלע ברילן - ווייס ער בשעת מעשה אז די זון איז די שטארקסטע ליכטיקייט וואס עס קען זיין, און זי גיט כח הצמיחה לצומח, אלע ענינים וואס די זון איז מאירה לארץ ולדרים עלי', אפילו ווען ער טוט אן אויף זיך די טונקעלע ברילן,

אויב ער איז נאר איינער וואס ביי אים איז געווען ליכטיק, דורך דערויף וואס מ'האט אים דערציילט וואס איז די זון, און אט דעמולט ווייס ער אז ס'איז דא זמנים וואס ער דארף אנטאן טונקעלע ברילן אויב ער וויל קוקן אויף דער זון אליין,

אויב אבער ער קוקט וואס עס טוט זיך אין וועלט - אט דעמולט דארף ער אראפנעמען די טונקעלע ברילן, און זען ווי אזוי דער בוים וואקסט, אדער די גראז וואקסט, דערפאר וואס די זון באלייכט דאס, און גיט דאס דורך דערויף א צמיחה מיט א קיום מיט פירות מיט די אלע ענינים וואס קומט ארויס דורך קרני השמש, דורך דער ליכטיקייט פון דעם שמש אין די ענינים דא למטה,

און אויף דערויף זאגט מען אז שמש ומגן הוי' אלקים, ווען דער שמש הוי' וואלט דא געלויכטן בגלוי איז אט דעמולט ווערט בטל די מציאות, ניטא קיין מציאות פון וועלט,

וואס דאס איז ווי די גמרא דערציילט אז ס'איז געווען בן זומא איז נכנס ולא יצא בשלום, די נשמה האט זיך ניט אומגעקערט צוריק אין גוף, ווארום זי האט דערזען די שטארקייט פון ליכטיקייט פון אלקות, האט זי זיך דערמיט באהאפטן, און ס'איז געווארן איין זאך, חזרה ליוצרה,

וויל אבער דער אויבערשטער אז אנכי עשיתי ארץ ואדם עלי' בראתי, אז א מענטש, אתם קרויין אדם, א איד זאל זיין אין דער וועלט, און זייענדיק אלס א נשמה בגוף זאל ער ניט פארברענען די וועלט, אדער פארברענען זיך - ער זאל זיין א נשמה בגוף,

אבער געדיינקען, און וויסן זיין, אז איידער ער האט אנגעטאן די טונקעלע ברילן, וואס דאס איז דער גוף, אויף דער נשמה, אויף חלק אלוקה ממעל ממש, איז אט דעמולט איז ער געווען חלק אלוקה ממעל ממש.

און בשעת אט די נשמה געפינט זיך אונטער די טונקעלע ברילן, איז ניט דער פשט אז זיין אויג איז געווארן אנדערש, ס'איז ניט דער פשט אז דאס וואס געפינט זיך אונטער די קאלדרע איז נשתנה געווארן, דורך דערויף וואס מ'האט דאס צוגעדעקט מיט דער קאלדרע,

ס'איז מערניט אז דארט וואו ס'איז א צו שטארקע ליכטיקייט; ווארום אויב מ'וועט זען די ליכטיקייט ווי דאס איז, וועט ער אויסגיין אין געגועים (אין בענקשאפט) ביז וואנעט אז ער וועט זיך באהעפטן די נשמה ליוצרה, ניט האבן צו טאן מיטן גוף.

און דער אויבערשטער וויל אז די נשמה זאל זיין אין גוף, וואס דער גוף איז די טונקעלע ברילן וואס דערלאזן אז דער גוף זאל בלייבן אין א מציאות פון א גוף, און אט דעמולט קען ער לייגן תפילין, און קען אנטאן ציצית, וכיו"ב כל - בראתי - תרי"ג מצוות.

די נשמה ווי זי געפינט זיך למעלה, איז זי ניט שייך צו קיום המצוות.



הנחה פרטית בלתי מוגה

זי איז שייך ווי ער זאגט אין אגה"ק צו לערנען תורה, אבער אנטאן תפילין, פון א קלף גשמי - נשמה איז דארט ניט שייך צו גשמיות!

זאגט דער אויבערשטער אז דאס טוט אויף א איד, אז דאס איז ניט אן ענין של ירידה ח"ו, וואס ער האט אנגעטאן די טונקעלע ברילן - דורך דערויף וואס מ'האט אראפגעלאזן די נשמה אין דעם גוף, און ער ווייס אז דער גוף איז טונקל דערפאר לאזט ער ניט דורך אז אלקות זאל זיין בדוגמת השמש, אן דעם מגן, וואס אט דעמולט ברענט דאס.

אבער די ידיעה אין זיין שכל פארגעסט ער ניט, און דאס נעמט אויך דורך זיין געפיל בכל רגע ורגע - אז די עצם מציאות איז דער אבן טוב וואס איז תחת אלע פרסאות, דער שמש אלקים וואס געפינט זיך אין דעם מגן, און דער מגן איז מערניט אזוי ווי דער אויבערשטער וויל אז א איד זאל מאכן ליכטיק זיך און מאכן ליכטיק די גאנצע וועלט ארום זיך,

כדי אויף צו מאכן ליכטיק דארף ער דאך קענען אנטאפן וועלט, ווארום ער דארף טאן מיט וועלט, און איבערמאכן אז די וועלט זאל ווערן איידעלער און ליכטיקער, און ממלא זיין דאס וואס וועלט דארף טאן -

איז כאמור לעיל, טוט מען אויף אין דעם גוף, און דורך דערויף קען ער פארטראגן אויך ווי אלקות שטייט אין וועלט אין אן אופן של העלם, ניט ווי אלקות שטייט אין עולם האצילות וואס איז למעלה מן הצמצום למעלה מהפרסא למעלה מהבריאה.

אדער ווי אויך בפשטות אז בשעת א איד וועט דאווענען א גאנצן טאג, וואס בשעת'ן דאווענען איז דאך דעמולט טראכט ער דאך דע לפני מי אתה עומד, אז ער שטייט פאר דעם אויבערשטן אליין, איז טאקע הלואי שיתפלל אדם כל היום כולו, אבער דער סדר מסודר וואס דער אויבערשטער האט געשיקט א אידן אין דער וועלט - אז ער זאל דאווענען דריי מאל א טאג, און שבת ויו"ט פיר מאל א טאג, און יוהכ"פ פינף מאל דעם טאג,

אבער בין תפלה לתפלה דארף ער אויפטאן מיט זיין גוף דורך דעם וואס ער וועט זען בשעת אכילה ושתי' זאל ער פריער מאכן א ברכה, וואס די ברכה מאכט אים ליכטיק אז דאס וואס ס'איז דא די מציאות פון לחם, פון די ברויט וואס ער עסט - איז דאס המוציא לחם מן הארץ,

דאס האט דער אויבערשטער באשאפן דעם ארץ, און האט באשאפן דעם ארץ אין אזא אופן אז בשעת מ'טוט באשטימטע פעולות וואקסט פון דארטן ארויס חיטים ושעורים, פון וועלכע מ'מאכט דערנאך לחם, און אט דער לחם עסט ער,

און געדיינקט בשעת מעשה, די ברכה דערמאנט אים, אז דאס איז המוציא לחם מן הארץ - לולי געטלעכקייט איז ניטא דער לחם,

און ווען דארף מען דאס באווארענען, און ווען באווייזט א איד אז ער איז ממלא די שליחות, אז אע"פ וואס ס'איז געווען 6 טעג פון מעשה בראשית, און דער אויבערשטער האט באשאפן א געוואלדיקע וועלט, מה רבו מעשיך, ומה גדלו מעשיך, און די וועלט איז ניט געווען שייכות צו קיין חטא ועון, עולם על מילואו נברא -

איז ניט דאס איז די שלימות פון וועלט, מ'דארף א אידן, וואס דער איד וועט דערנאך קומען צוגיין אין דער וועלט און ער וועט זאגן צו אלע טיילן פון דער וועלט, צו יעדער זאך אין וועלט, אנהויבנדיק פון חי, און צומח, און דומם,

ווי דערמאנט אין א פריערדיקן התוועדות אז ביים בעש"ט האבן זיך די ציצית געשאקלט ווען ער האט מקיים געווען די מצות ציצית -



הנחה פרטית בלתי מוגה

כדי זיי זאלן זיין ציצית כשרים דארפן זיי זיין ציצית גשמיים, זיי מוזן זיין פון וואל וואס איז גענומען געווארן פון א בעל-חי, אז ניט איז דאס קיין ציצית ניט;

אעפ"כ, בשעת א איד באלייכט אט די ציצית ווי עס דארף צו זיין - ווערט אין זיי בגלוי אז זיי הויבן זיך אן שאקלען ווי עס שאקלט זיך אט דער וואס טראגט די ציצית.

עד"ז אפילו אט די וואס קענען דאס ניט פועל זיין אז א צוויטער (אדער ער אליין) זאל זען בעיני בשר אז זיינע ציצית שאקלען זיך - דארף ער אבער וויסן דעם אמת, אז דורך דערויף וואס ער איז מקיים אין דעם וואל, און מ'האט געמאכט דערפון ציצית, און ער האט אריינגעטאן אין טלית קטן, אדער אין א טלית גדול, איז אט דעמולט הויבן זיי זיך אן שאקלען, און זיי שאקלען זיך מיט א חיות אלקי, מיט א געטלעכע שאקלען זיך, ווי דער מגיד איז מבאר דעם פסוק וחי בהם.

וואס אט דאס איז וואס מ'רעדט דאך וועגן המעשה הוא העיקר, אז דאס מיינט מען בפועל, אז א איד איז כאטש אפילו ער ווייס אז ער איז א נשמה בגוף, זאל ער ניט באטראכטן ח"ו אז דער גוף איז דאס א גשמיות'דיקע זאך פאר זיך, און האט זיך אירע פארלאנגען און מ'דארף אים נאכגעבן וכו',

מ'דארף וויסן זיין אז דאס איז מערניט ווי טונקעלע שפאקולען (גלעזער) וואס מ'האט אנגעטאן אויף דער נשמה, כדי די נשמה, דורך אט די שפאקולן, זאל קענען זען די וועלט, און טאן מיט דער וועלט, אין אזא אופן אז וועלט ווי זי בלייבט וועלט, אן עולם גשמי, עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, זאל אין אים זיין ניכר אז כי אתה פעלתו, במילא אז עס קומט צו מחשבה און צו דיבור ביז אויך צו מעשה - טוט וועלט אט די זאכן וואס זי דארף טאן.

ביז ווי די זאך איז גאר בפשטות ווי געזאגט פריער - די צוגרייטונג צו ר"ה איז - אז מ'מאכט ליכטיק בא זיך, וואס טוט ער דא אין וועלט, און וואס דארף ער אויפטאן מיט זיך, און וואס דארף ער אויפטאן מיט דער וועלט.

פון וואנעט וועט ער וויסן דאס - זאגט מען אז דער אויבערשטער, בשעת ער האט באשאפן די וועלט און באשאפן א אידן, א מענטשן - איז א זיכערע זאך אז טבע הטוב להטיב, וועט ער אים ניט לאזן בלאנדזשען אין פינסטערניש, האט ער אים גלייך מיטגעגעבן תורה אור,

ער האט אים גלייך מיטגעגעבן א זאך וואס דערמיט קען ער באלייכטן זיך און קען באלייכטן די גאנצע וועלט ארום זיך,

און אט דעמולט, אז ער וועט זי ליכטיק מאכן, וועט ער גלייך פארשטיין און פילן (און אויב ער וועט זוכה זיין - אויך זען) אט דאס וואס דער בעש"ט זאגט אז דאס איז דעם אויבערשטן'ס א ווארט, בדבר הוי' שמים נעשו, דערמיט ווערט באשאפן יעדער רגע די הימלען.

ועד"ז אבן איז אויך דורך חילופים ותמורות, ווי ער זאגט אין שעהיוה"א איז דאס אויך אותיות פון דעם אויבערשטן'ס רעדן, וואס זיי באשאפן אט דעם שטיין בכל רגע ורגע מאין ואפס ממש.

וואס איז זיין תפקיד, וואס איז זיין שליחות - אז בשעת ער קוקט אויפן אבן, אויפן שטיין, זאל ער זיך ניט לאזן אפנארן דאס וואס טונקעלע שפאקולן (טונקעלע גלעזער) זאגן, נאר ער זאל וויסן דעם אמת, ווארום אז ניט לעבט ער אין פינסטערניש, ער האט א טעות וואו ער געפינט זיך, במילא קען ער ניט וויסן וואס ער דארף טאן, במילא טויג דאס ניט פאר דער זאך, ס'טויג ניט פאר אים;

בשעת ער ווייס אז ער טראגט טאקע שפאקולן (גלעזער), אבער ער ווייס ווי די אמיתית המציאות איז, און וואס די שפאקולן זיינען מוסיף - אז דאס איז מערניט דער מראה חיצוני, ווי דערמאנט פריער די גלעזער צו זיי זיינען רויעט, צי שווארצע, צי טונקעלע - ענדערן גארניט אין דער מציאות פון דער זאך אויף וועלכע מ'קוקט,

זיי ענדערן מערניט אט די שטארקייט און די ווירקונג וואס דער קוקן קען פועל זיין אויף דער עין הרואה, אויף דער אויג, איז אין דערויף אויב דאס איז צו שטארק, שוואכט דאס אפ, און דאס מאכט אזוי אז מ'זאל דאס קענען פארטראגן;

אבער ער טאר זיך אליין ניט אפנארן, און זאגן אז מצד דערויף איז די זאך וואס איז בתקפה איז זי געווארן אנדערש דערפאר וואס ער האט אנגעטאן אויף זיינע אויגן (אדער מ'האט אים אנגעטאן אויף זיינע אויגן) טונקעלע גלעזער.

און דאס גיט אים די הכנה אז בשעת ערב ר"ה לערנט ער דאס, און איז זיך מתבונן בזה, און ווייס אז כאטש אפילו ער זעט דאס ניט מיט זיינע פלײשיקע אויגן דערפאר וואס די פלייש פון די אויגן איז דאס (ווי דערמאנט פריער) די טונקעלע שפאקולן, דאס איז ניט דער כח הראי' בעצמו, דאס איז ווי כח הראי' גייט דורך דעם בשר פון דעם עין.

ער געהערט אבער צום עם חכם ונבון, פארשטייט ער אז דאס איז מערניט וואס די שפאקולן (די גלעזער) באווייזן אז עס זאל זיך דוכטן באופן כך וכך; ער וויל אבער ניט לעבן אין קיין טעות - געדיינקט ער דעם אמת,

פירט ער זיך מיט דער זאך (ווי געזאגט פריער) - ווי מ'דארף זיך פירן מיט אן אבן טובה,

וואס דאס איז יעדער זאך וואס ווערט באשאפן בדבר הוי' וואס בערך פון דעם אויבערשטן איז (ווי געזאגט פריער) חשיב מעשה, ס'איז אן ענין פון דומם, אן אבן, דאס איז אבער אן אבן טובה, ווארום בכל רגע ורגע ווערט דאס באשאפן פון דאסניי, דורך א געטלעכן ווארט, דורך א געטלעכן אות,

און אט דעמולט פארענדיקט ער דעם ערב ר"ה באופן המתאים.

והמעשה הוא העיקר, ווי דערמאנט כמ"פ: אז אויב א גאנצן יאר דארף מען זיך פארנעמען מיט הפצת היהדות, מיט פארשפרייטן אמת'ע אידישקייט, כולל אויך הפצת המעינות, חסידות, ביז אז דאס זאל דערגרייכן אויך אין חוצה,

אנהויבנדיק פון די מבצעים הידועים, וואס זיי זיינען דאך מיוסד אויף דעם ציווי פון ואהבת לרעך כמוך,

אז פונקט אזוי ווי ער וויל זיך ניט אפנארן און מיינען אז די גלעזער, די טונקלקייט פון וועלט מאכט אנדערש עפעס פון דער מציאות פון וועלט,

האט ער ליב רעך פונקט ווי כמוך, און טוט אלץ וואס הענגט אפ אין אים, אז רעך, וואס דאס איז דאך יעדער איד, ווארום אתם נצבים היום כולכם אלס א צוגרייטונג צו ר"ה, בשבת שלפנ"ז, שטייען אלע אידן צוזאמען, פון ראשיכם ביז שואב מימיך,

און זיי שטייען אלע צוזאמען, ווי ער זאגט דערנאך אין פסוק לעברך בברית הוי', אויף נאכאמאל שליסן פון דאסניי מיט באנייטן כח דעם ברית וואס איז דא צווישן יעדער אידן, און אלע אידן מיטן אויבערשטן,

וואס אזוי ווי דער אויבערשטער איז נצחי - אזוי איז דער ברית, און אזוי זיינען אידן,



הנחה פרטית בלתי מוגה

אבער מ'דארף פון דאסניי באנייען דאס, דאס זאל בא זיך ניט ווערן כדיוטגמא ישנה, ווי גערעדט בארוכה אין די התוועדות שלפנ"ז,

און אט דעמולט זשאלעוועט ער ניט קיין טירחה, און זאגט לרעך, וואס דאס איז יעדער איד מיט וועמען ער טרעפט זיך - ער זאל וויסן זיין די אמת'קייט פון וועלט, אז וואס איז דער אמת לעולם - איז דאס אמת הוי' לעולם, הוי' מלשון מהוה ומחי' ומקיים, און אט דאס איז די אמת'קייט פון דער וועלט ווי זי ווערט אנגערופן בשם עולם, העלם והסתר,

ס'איז מערניט א קאלדרע וואס דעקט צו די אמת'קייט וואס געפינט זיך אינעווייניק,

ברענגט דאס אים גלייך צו חינוך, אז ער פועל'ט אויף זיך מחנך זיין, און מחנך א צווייטן אז מ'זאל זיך איינגעוואוינען אין דערויף, און טאן אין דעם וועג, דורך לערנען תורה, און מקיים זיין מצוות, וואס הוקשה כל התורה כולה לתפילין,

אוועקשטעלן אויף אלע זיינע נכסים, אויף זיין הויז, אויף יעדער טיר פון יעדער חדר, איז ביי אים דא א מזוזה, און זעלבסטפארשטענדלעך א כשר'ע מזוזה,

זיך ניט רעכענען, און ניט ווארטן ביז וואנעט מ'וועט אים טאן א טובה, וועט ער דעמולט טאן א טובה לרעך, אדער א טובה אין חלקו בעולם -

ער גיט צדקה פונקט אזוי ווי לך הוי' הצדקה, ער באקומט צדקה פון דעם אויבערשטן בכל יום ויום, פון דעם ערשטן רגע ווען ער כאפט זיך אויף פון שלאף, און זאגט מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי בחמלה רבה אמונתך - נאך איידער ער האט עפעס געטאן אויף פארדינען בא דעם אויבערשטן, דער אויבערשטער גיט דאס איס לך הוי' הצדקה,

דורך וואס פארשטארקט ער דאס - במדה שאדם מודד - אז ער גיט אויך צדקה, און גיט ניט רעכענענדיק זיך מיט חשבונות וכו',

וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס ביי אים איז א בית מלא ספרים, אט דארט וואו ער געפינט זיך איז דאס פול מיט ספר תורה'ס, מיט ספרים של קדושה, וואו ס'שטייט תורה, און וואו עס שטייען מצוות.

וואס דאס אלץ איז מיוסד ווי גערעדט מערערע מאל אז דורך דערויף וואס עקרת בית ישראל, יעדער אידישע פרוי, און יעדע אידישע טאכטער, לייגט זיך ארייין מיטן לעבן און מיט באגייסטערונג און מיט שטארקייט, אין דעם ענין פון נרות שבת קודש ויו"ט,

ובפרט נאך אז היינטיקער ר"ה האט מען דאס דריי טעג נאכאנאנד, דער ערשטער טאג ר"ה, צווייטער טאג ר"ה, און דערנאך קומט גלייך שבת,

און דא קומט צו נאך אן ענין של הקהל לויט די קביעות פון היינטיקן יאר: אזוי אין אנדערע ימים טובים איז דא א חילוק צווישן חו"ל און א"י, בנוגע צו יו"ט שני של גליות;

בנוגע צו אנהויבס יאר, צו ר"ה, איז אתם נצבים היום כולם, אומעטום פראוועט מען אלע דריי טעג נאכאנאנד: דער ערשטער טאג ר"ה, צווייטער טאג ר"ה, און יום השבת שלאח"ז, שבת פון שובה, שובה ישראל עד הוי' אלקיך,

סיי אין חו"ל, סיי אין ארה"ק, אשר גו' תמיד עיני הוי' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס בפשטות, מ'דארף דאך יעדער זאך איבערזעצן בנוגע צו מעשה בפועל, מיינט מען אז מ'זאל ארייננכאפן די שעות וואס זיינען נאך געבליבן ביז ר"ה צו טאן אין די אלע מבצעים ווי מ'האט זיי פריער אויסגערעכנט, צו טאן אין אלע ענינים פון תורה און מצוות,

עאכו"כ די וואס זיינען ענינים שהזמ"ג - זען אז יעדער איד זאל קענען פראווען ר"ה ושבת שלאח"ז אן קיינע דאגות, און טאמער איז א ספק אפשר פעלט אים אין געלט, וכיו"ב, אויף צושטעלן די זאכן וואס מ'דארף האבן - איז שלחו מנות לאין נכון לו, ארויסהעלפן, בדרך של כבוד, אין אן אופן אז איבו יודע למי נתנו און מקבלו איבו יודע ממי מקבלו, דורך א גבאי של צדקה, אויב ער קען דאס נאר אויספירן - אז יענער זאל אויך מקיים זיין דעם דין וואס איז אפגע'פסק'נט אין שו"ע, אכלו משמנים, ושתו ממתקים, ואל תעצבו כי חדות הוי' היא מעוזכם,

אז מ'האט א פריילעכן ר"ה, אזן א פריילעכן שבת קודש שלאח"ז, און דאס שטעלט אוועק דעם גאנצן יאר אז עס ווערט א פריילעכער יאר, און א גוטער יאר, און א זיסער יאר, בכל הפרטים,

ביז צו שמחת עולם על ראשם, דורך גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

הנחה פרטית בלתי מוגה

ג. ערב ראש השנה איז אויך דער יום הולדת פון דעם צמח צדק, ווי דערציילט פון רבינו נשיאינו, פון דעם שווער נשיא דורינו, מיט אויך כמה סיפורים פארבונדן דערמיט.

וואס איינער פון די סיפורים איז, וואס איז שוין אויך געדרוקט, און פארבונדן נאך מיט די קינדערשע יארן פון צ"צ, ווען ער איז נאך גע- גאנגען אין "חדר", און האט געלערנט מיט א מלמד, "בן חמש למקרא" - אנהויבנדיק פון חומש,

און ער האט געלערנט מיט אים "ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה", געלערנט מיט אים דעם פסוק, אז יעקב, זייענדיק אין ארץ מצרים, איז ער דארט געווען זיבעצן יאר,

און ער האט אים אפגעטייטשט אויך, אז "ויחי יעקב" - אז ער האט דארט געלעבט; ניט נאר סתם געווען דארטן - נאר ער האט דארטן געלעבט.

האט נשיא דורינו דערציילט: בשעת דער צ"צ, אלס א קינד ווען מ'לערנט נאך מקרא, אין "חדר", איז געקומען צום אלטן רבי'ן,

וואס ביי אים האט ער זיך דאך געהאדעוועט, כידוע פרטי הדברים,

האט ער געפרעגט בא דעם אלטן רבי'ן: ווי קען דאס זיין, אז יעקב, וואס ער איז געווען דער "בחיר שבאבות", דער אויסגעקליבענער פון צווישן די אבות, פון אברהם יצחק ויעקב, און ארץ מצרים איז געווען א "מקולקלת שבאומות", "ערות הארץ", אן ארט, א לאנד, וואס דארט איז גע- ווען די הנהגה גארניט מענטשלעך, גארניט ווי עס דארף-צו-זיין, און מ'זאגט, אז בשעת יעקב איז געווען אין ארץ מצרים, איז ניט אז ס'איז ביי אים געווען א מאטערניש - נאר ס'איז געווען "ויחי יעקב בארץ מצרים"!

האט אים דער אלטער רבי געענטפערט, אז איידער יעקב איז אהינצו געקומען, האט ער אהינצו געשיקט "ואת יהודה שלח לפניו להורות לפניו גושנה", ער האט געשיקט אהינצו מ'זאל דארטן מאכן אן ארט, א "מוסד", א בית, וואס מ'זאל לערנען תורה,

און וואס דאס ווערט אנגערופן "גושנה", פון לשון "גש", ווערן נעענטער, צוגיין נעענטער, אז דורך דערויף ווערט מען נעענטער צו דעם אויבערשטן,

און בשעת מ'האט אט די הכנה, און דערנאך פירט מען דאס דורך בפועל [דאס איז דער תוכן: דער לשון איז געדרוקט שוין בדיוק, אבער דאס איז דער אינהאלט לפי ערך], אז בשעת מ'גרייט אין אזא אופן צו, און דערנאך לערנט מען תורה, און דורך דערויף ווערט מען אלץ מערער נעענטער און נעענטער מיטן אויבערשטן - צום אויבערשטן און מיטן אויבערשטן -

איז אט דעמולט איז "ויחי יעקב" - אין דערויף באשטייט דער לעבן אפילו פון "בחיר שבאבות".

וואס צוליב וואס דערציילט מען א סיפור, און מ'דרוקט דאס אפ, און מ'שטעלט דאס אריין אין אן אופן, אז מ'זאל דאס פון צייט-צו-צייט ניט נאר לייענען נאר אויך לערנען און ארויסנעמען דערפון וואס מ'דארף דערפון ארויסנעמען -

איז דאך איינע פון די זאכן וואס איז זעלבסט-פארשטענדליך: צום אלעם ערשטן - ווי אזוי מ'דארף האדעווען א קינד; ווי אזוי מ'דארף ערציען אן אידישן אינגעלע, דערפון אויך פארשטאנדיק - בנוגע צו אן

אידישע מיידעלע.

צום אלעם ערשטן דארף מען זיי אזוי ערציען, אז בשעת ער לערנט אן ענין פון תורה - קאכט ער זיך אין דעם און וויל דאס פארשטיין און זוכט א תירוץ אויב ס'איז דא א זאך וואס ער האט דאס ניט פארשטאנען,

ביז וואנענט, אז כאטש אפילו דאס איז געווען זיין זיידע, ניט א חבר, ניט דער מלמד, ניט דער פאטער, און וואס דער צ"צ האט דעמולט גע־זען ווי אזוי מ'האט זיך באצויגן צו דעם אלטן רבי'ן - דעם גרעסטן יחס כבוד און רוממות וואס דער אלטער רבי האט געהאט,

איז בשעת אים האט געהארט אן ענין וואס ער האט ניט פארשטאנען אין חומש - האט ער זיך פאר קיין זאך ניט אפגעשטעלט ביז וואנענט אויף צו געפינען מ'זאל אים פארענטפערן ער זאל פארשטיין וואס עס שטייט אין חומש.

און דאס לערנט אויך ווי אזוי עס דארף זיין די באציאונג אפילו פון אזא וואס ער איז ווי דער אלטער רבי איז געווען אין יענע צייטן,

וואס ער איז געווען א נשמה חדשה, און געווען א מנהיג בא אידן (דאס איז שוין געווען אין די יארן וואס דער צ"צ איז שוין געבארן גע־ווארן און געווען אלט פיר-פינף יאר), און האט געהאט צענדליקער טויזנ־טער חסידים וואס פלעגן קומען צו אים און הערן ענינים פון רזי תורה, אדער שווערע ענינים אין תורת הנגלה וואס ער דארף זיי פארענטפערן, ביי אים האבן זיי געזוכט אן ענטפער אויף דעם,

און עס קומט צוגיין אן אינגעלע פון פינף יאר (פיר יאר, פינף יאר), האט ער דאך אים לכאורה געדארפט צום אלעם ערשטן זאגן: בשעת ער וועט קומען מארגן צום מלמד - וועט דער מלמד אים זיכער פארענטפערן!

אדער, אפילו ניט וועלנדיק אפלייגן אויף מארגן - איז געווען כמה מענטשן וואס זיינען דארט געווען ארום דעם אלטן רבי'ן,

אעפ"כ האט ער אפגעלייגט אלע זיינע ענינים - פארענטפערן דעם קינד אין אזוינע אותיות, אז אע"פ וואס דאס איז דאך געווען דער שכל פון דעם צ"צ, אבער אעפ"כ איז זאגט מען טאקע אז "מכתפי' ידיעא", מ'קען שוין דעמולט דערקענען וואס ער וועט אויסוואקסן, פונדעסטוועגן זאגט מען אויף דערויף "בוציץ בוציץ (מקטפי' ידיעא)": ער האט א גע־וואלדיקן שכל, בשעת מיט דער צייט וועט דאס ווערן אין אן אופן אז עס וועט באלייכטן די גאנצע וועלט, ווי ס'איז דערנאך געווען מיטן צ"צ, אבער דעמולט האט מען אים געדארפט דערקלערן אין אזוינע אותיות אז דאס זאל זיך ביי אים אפלייגן, און אפלייגן זיך דאס ביי אים "תשים לפניהם - כשולחן ערוך לפניהם", אז ער וועט דאס איינגאנצן פארשטיין מיט זיין שכל (לויט טאקע פון דעם צ"צ - אבער ווי ער איז אלט ניט מער ווי פיר־פינף יאר)!

וואס דאס גיט גלייך א באלייכטונג אין דעם "מבצע חינוך", אז ס'איז ניטא איין און איינציקער איד וואס איז דערפון באפרייט,

און די הוכחה אויף דערויף האט מען - פון א נשמה חדשה, וואס האט געדארפט אויפלעבן (באנייען) די גאנצע וועלט - האט די זיך אויך פאר־נומען מיט א פינף יאריקן קינד,

- אמת טאקע: א יתום און אן אייניקל וכו' וכו', אבער לכאורה ווי קומט דאס צו ענינים פון פארריכטן (אויפהויבן) די גאנצע וועלט?

אעפ"כ האט ער אליין אים דאס געענטפערט! און געענטפערט אין אזא סגנון וואס דערפון קען מען ארויסנעמען רזין דרזין דתורה, וואס ס'איז זיכער דא אין דערויף, ווארום דאס האט געזאגט דער אלטער רבי, וואס זיין מציאות איז געווען פנימיות התורה, איז יעדער ענין וואס איז ביי אים געווען, עאכו"כ אן ענין אין תורה - איז דאס געווען דורכגענומען פון פנימיות התורה, נאר ער האט דערנאך אנגעטאן דאס אין אזוינע אותיות אין אזוינע ווערטער וואס צו פיר-פינף יאר האט דאס דער צ"צ געגומען, און דאס האט אים איינגאנצן פארענטפערט די קשיא.

און ניט פארענטפערט דערפאר וואס עס האט אים עפעס געפעלט ח"ו - דערנאך, בשעת ס'האט געוואקסן זיין שכל - האט געוואקסן זיין פארשטאנד אין דעם אלטן רבינ'ס ענטער,

- וואס ס'איז געליבן דער זעלבער ענטפער, נאר אין דעם ענטפער איז אויך דא פשט דפשט, און דרוש פון דעם פשט, און רמז פון דעם פשט און סוד פון דעם פשט, און דערנאך די זעלבע זאך אין דרוש און די זעלבע זאך אין רמז און די זעלבע זאך אין סוד; ער האט ניט געדארפט דערנאך דאס איבערפרעגן, ווארום בשעת ער האט געוואקסן - איז גדל עמו די הבנה והשגה אין דעם ענטפער.

ביז וואנענט מ'זעט, פון דעמולט איז דאך שוין דורכגעגאנגען אזוי פיל צענדליקער יארן - האט מען איצטער אין דערויף א קלארע אנווייזונג:

א איד גיט זיך א כאפ, אז די נשמה, "חלק אלוקה ממעל ממש", און די געפינט זיך אין "משכא דחויא", אנגעטאן טונקעלע שפאקולן - ארומגענומען מיט עשר פרסאות, צען קאלדרעס, און בלשון פון רש"י: "מאיגרא רמה לבירא עמיקתא"!

מ'געפינט זיך אין "ארץ מצרים", מיצרים וגבולים,

וואס דאס איז דאך א מלכות של חסד, און מ'קען דא אויספירן אלע זאכן אין אידישקייט וואס מ'וויל; ניט נאר מ'שטערט ניט - מ'איז נאך מסייע,

לגבי ווי דאס איז געווען בעת שבית המקדש הי' קיים, בארץ הקודש, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה" - איז דאס שלא בערך, ווי "איגרא רמה" לגבי "בירא עמיקתא"!

עאכו"כ ווי די נשמה ווי זי איז "חצובה תחת כסא הכבוד", שלא בערך ווי די נשמה איז "חלק אלוקה ממעל ממש" און זי געפינט זיך "ממעל".

וואס דאס איז דאך מיצרים וגבולים שאין כמוהם! שלא בערך כלל!

פרעגט יעדער איד בא זיך, און ביי א צווייטן: היתכן?! יעדער איד איז "בחיר שבאבות", אלע נשמות זיינען געווען כלול אין יעקב'ן, אין נשמת יעקב, וואס דערפאר זאגט ער דאך "א-ל אלקי ישראל", ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין אגרת הקודש,

איז ער א "בחיר שבאבות" - מצד זיין נשמה וואס זי איז א חלק פון נשמת יעקב,

דערנאך גיט ער זיך א כאפ: אזויפיל צייט גייט ביי אים אוועק אויף עסן און טרינקען און שלאפן און שפאצירן, און בשעת מעשה איז ניט ער האלט בא דער דרגא פון "בכל דרכיך דעהו"; ער פילט א געשמאק צי דאס איז געזאלצן אדער איבערגעזאלצן אדער ס'איז תפל בלי מלח!

וואס אויב ער עסט מצד דעם ניצוץ קדושה וואס אין דעם להם און

אין דעם בשר און אין די דגים - איז וואס איז אים נוגע זאלץ אהין זאלץ אהער - אים איז נוגע דער ניצוץ קדושה וואס געפינט זיך דארטן,

איי ער דארף מברר זיין דעם ניצוץ קדושה פון דעם זאלץ - דארף ער דאך אבער ניט פילן דעם געזאלצענעם טעם; דארף ער פילן דעם ניצוץ קדושה!

גיט ער זיך א כאפ, אז ער געפינט זיך אין "ערות הארץ"!

אפילו ווען ער געפינט זיך אין א מדינה של חסד, וכאמור, אז ער האט א סיוע, און נוצט אויס דעם סיוע אויף הפצת היהדות און הפצת המעינות במיוחד - דאס קומט אבער ניט צו די ליכטיקייט וואס איז געווען בזמן שבית המקדש הי' קיים - אפילו אין חוץ לארץ, עאכו"כ - ביידע זאכן - בזמן שביהמ"ק הי' קיים און אין ארץ הקודש!

קען ער דאך אריינפאלן אין עצבות, איס קען ווערן אומעטיק אויפן הארצן, און תורה זאגט "עבדו את ה' בשמחה"; מזמור הק', המאה, פון ספר תהלים פון דוד "נעים זמירות ישראל", אז בשעת מ'דינט דעם אויבערשטן דארף דאס זיין מיט שמחה!

און דערנאך פסק'נט מען אפ אין שו"ע אורח חיים, אז ווי אזוי מיט וואס דארף מען דינען דעם אויבערשטן - טאר מען ניט פארגעסן אויף אויבערשטן אפילו אויף רגע אחד, און וואס ער זאל נאר טאן - דארף ער טראכטן דערביי (אדער נאכמערער - פילן דערביי) אז ער טוט דאס ווארום ער וויל דינען דעם אויבערשטן (בשעת מעשה, אדער שפעטער אדער "לשם שמים" אדער "בכל דרכיך דעהו", ווי גערעדט אמאל בארוכה דער חילוק פון די שני אופני עבודה).

ווי אזוי וועט ער וויסן ווי אזוי אין יעדער זאך (מיט יעדער זאך און אין יעדער זאך) ארויסגעפינען די ליכטיקייט און צוליב וואס מ'דארף האבן אים און צוליב וואס מ'דארף האבן די זאך - ווערט דאס דורך לימוד התורה,

וואס לימוד התורה, ניט די כוונה איז -

דאס איז א חכמה גדולה און א הבנה עמוקה, ביז וואנענט אז כל עמי הארץ זאגן "רק עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה", וואס דאס גייט דאך אויף ענינים של תורה - אמת'ע חכמה, כולל אויך "תקופות וגימטריאות", ווי די גמרא דרש'נט אפ אויף דערויף בנוגע צו עיבור החודש און עיבור השנה, תקופות ומזלות וכו' וכו',

איז ענינה איז מ'דארף דאס לערנען ביז וואנענט ער וועט דאס פאר-שטיין;

וואס איז די כוונה אבער דארף זיין דערפון? - דארף זיין "גושנה" - דורך דערויף ווערט ער נאך נעענטער מיטן אויבערשטן.

ביז וואנענט אז עס ווערט א דין אין שו"ע, אז בשעת ער זעצט זיך לערנען תורה, איז צום אלעם ערשטן דארף ער זיך דערמאנען דורך ברכת התורה "אשר בחר בנו .. ונתן לנו את תורתו", אז דאס איז דעם אויבערשטנס תורה, וואס ער האט דאס אונז געגעבן,

און מ'זאגט "נותן התורה", ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ, דאס איז לשון הוה - ער גיט יעדער רגע פון דאס-ניי,

און בשעת ער דערמאנט דאס - איז מיט דער דערמאנונג ווערט ער נעענטער מיטן אויבערשטן.

און אט דעמולט, זייענדיק אין ארץ מצרים - איז "ויחי יעקב" - לעבט ער דעמולט, און לעבט דעמולט ניט סתם; ער לעבט ווי א "יעקב" לעבט!

וואס דעמולט בלייבט ניט קיין ארט אויף עצבות ח"ו,

אמת טאקע, ס'איז ניט גוט אין חושך כפול ומכופל פון גלות, און יעדער איד דאווענט און בעט יעדער טאג דריי מאל (און ווי געזאגט פריער - פיר מאל בשבת ויו"ט, און פינף מאל ביוה"כ) "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", אז אט אט קומט משיח, און מ'וועט אליין זען ווי אזוי די שכינה און משיח און אלע אידן און דער אויבערשטער געפינען זיך אין "ציון",

אבער צוזאמען דערמיט, וויבאלד אז דער אויבערשטער וויל אז מ'זאל דורכפירן זיין שליחות זייענדיק אין "גושנה", זייענדיק אין גלות - דארף מען דאס טאן בשמחה,

ובפרט נאך אז מ'האט נאך צוגעזאגט, אז בשעת מ'וועט דאס מקיים זיין ווי דער אויבערשטער וויל, און מ'וועט דאס טאן בשמחה - וועט דאס צוהילן און ברייננגען נאך פריער די גאולה און דעם קיום היעוד אז מ'וועט זען "בשובך לציון ברחמים".

וואס אט דא איז דאך אן ענין וואס דאס האט מגלה געווען דער אלטער רבי; די סיבה אויף דערויף איז אבער געווען - וואס ס'איז גע-קומען א שאלה א פראגע און א קשיא פון א פינף יאריקן קינד!

וכאמור, אע"פ וואס ווער קען זיך גלייכן צו דעם אלטן רבי'ן, אדער צו דעם צ"צ, אפילו צו פינף יאר - וויבאלד אבער אז מ'האט דאס דער-דערציילט צו אנשים כערכינו - איז דאס איז א לימוד און א סיפור (און ערציילונג וואס האט אין זיך א הוראה פאר פינף-יאריקע קינדער בדורינו זה, אין שנת תש"מ, אין ארצות הברית - ווי מ'דארף זיי ערציען.

און דער איבערצייגן זיך אז דער חינוך איז געווען כדבעי - בשעת מ'וועט זען אז ביי אים וועט ווערן א שאלה בדוגמא פון די שאלה פון "ויחי יעקב בארץ מצרים" - וועט ער גיין און לויפן און פרעגן און וועט ניט רוען ביז וואנענט ער וועט באקומען דעם תירוץ גלייך קומענדיק פון דעם ספר, פון דעם חומש!

ועד"ז אין אנדערע ענינים פון אידישקייט.

וואס דאס איז אויך כאן המקום נאכאמאל דערמאנען אט דאס וואס עס האט זיך געערדט - וועגן מאכן דריי מאל "הקהל", עכ"פ פון די קטנים:

איין מאל פאר ראש השנה, און א צווייטן מאל - אין "עשרה ימים שבין ראש השנה ליוהכ"פ", וואס דעמולט זאגט דער אויבערשטער "דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב" - דער אויבערשטער זאגט אז ס'איז קירוב המאור אל הניצוץ: ער איז דעמולט "קרוב" און דעמולט קען מען אים גאר לייכט געפינען!

און א דריטן מאל - אין "זמן שמחתינו", אין חוה"מ סוכות, וואס דעמולט, בזמן שביהמ"ק הי' קיים איז געווען דער ענין פון "הקהל האנשים והנשים והטף",

און אזוי וועט אויך זיין בבית המקדש שיבנה במהרה בימינו ע"י משיח צדקנו, וואס "יבנה ביה"מ במקומו" - אויך דער "הקהל האנשים והנשים והטף".

אט די וואס האבן דאס נאך ניט געמאכט פאר ראש השנה - איז דאך

נאך דא כמה שעות לפני ראש השנה,

עד"ז אויך בנוגע צו דעם צווייטן מאל - אין די עשרת ימי השובה, און דעם דריטן מאל - אין "זמן שמחתינו".

וואס דאס איז בא להוסיף - ניט ח"ו מ'זאל זיך דערמיט באגנוגענען - דאס איז א דבר פשוט אז מ'דארף טאן בכל עת ובכל שעה אין הפצת היהדות; דאס איז א דבר פשוט אז מ'דארף טאן בכל עת ובכל שעה אין הפצת המעינות; דאס איז א דבר פשוט אז מ'דארף טאן אין דעם ענין פון די אלע מבצעים,

ובעניינים שהזמן גרמא: זען אז יעדע אידישע מיידעלע זאל אנצינדן דעם ערשטן טאג ראש השנה, און מאכן אלע ברכות, כולל אויך די ברכה פון "שהחיינו"; טאן אזוי אויך דעם צווייטן טאג ראש השנה, און דעמולט אויך מאכן די ברכה מיט ברכת "שהחיינו", אן קיין ספיקות, ווארום מ'וועט איר קויפן עפעס א מתנה, א בגד וכיו"ב - בדוגמא ווי מ'טוט דאס בא מאנסביל און בא ערוואקסענע, ביז אפילו בנוגע צו תקי"ש ביום השני,

- ועד"ז אויך נרות שבת קודש אין דעם שבת "שובה ישראל עד הוי' אלקיך" שלאח"ז,

און די הכנה צו צרכי יו"ט, ווי געזעדט פריער, ביז צרכי יו"ט זאל זיין בא יעדער אידן סיי "משמנים" און סיי "ממתקים" - צוזאמען מיט "חדות ה' היא מעוזכם" - ער זאל דאס באקומען אין א פריילעכן אופן און זאל דאס פארנוצן אין א פריילעכן אופן, און זאל זיין ביי אים דער "חדות ה'" - די שמחה גדולה פון הכתרת המלך.

אבער נוסף על כל אלו, וויבאלד אז מ'קומט פון שנה השביעית "שבת לה'", און מ'גייט אריין אין שנת הקהל,

און מ'האט גערעדט כמ"פ בנוגע וואס "עוללים ויונקים" קענען אויפ-טאן,

*

דובר בארוכה אודות המצב בארץ הקודש.

*

וואס אט דא איז אויך דערמאנט מען נאכאמאל דעם ענין וואס מ'האט גערעדט פריער, אז "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז למען צורריך להשבית אויב ומתנקם",

מ'זאל זיך משתדל זיין אז עס זאל זיין א ריבוי פון טף בנוגע צו דעם "מפי עוללים ויונקים", און בא זיי - "מפי עוללים ויונקים" - זאל זיין "יסדת עוז", "אין עוז אלא תורה",

וואס דאס איז דאך אויך דער ענין פון "הקהל" - "את כל דברי התורה הזאת",

און דאס וועט אריינברענגען יעדער אידן און אלע אידן מיט אן ענין של שמחה און מיט ריקודים של שמחה, אין ראש השנה שנת הקהל,

און וועט נאכמער צוהיילן ביאת משיח צדקנו, גאולה האמיתית והשלימה, בעגלא דידן, במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה לנגן "עוצו עצה ותופר גו' כי עמנו א-ל"

"הושיעה את עמך גו'". "אתה בחרתנו מכל העמים כו'". "אבינו מלכנו".

*    *    *

ד. דער רבי נשיא דורינו האט דערציילט, אז בשעת דער צ"צ איז געבארן געווארן, ווי דערמאנט פריער, ערב ראש השנה פון דעם יאר תקמ"ט - האט דעמולט דער אלטער רבי געזאגט באותו היום א מאמר חסידות, וואס תוכנו - אדער לשונו - איז געווען די ערשטע דריי פרקים פון תניא, וואס דערנאך איז דאס בעווארן די ערשטע דריי פרקים פון ספר התניא.

וואס תניא הויבט זיך דאך אן מיט "משביעין אותו תהי צדיא", אז א אידישע נשמה, איידער זי גייט ארוים אין אויר העולם - איז "משביעין אותו תהא צדיק" און ניט זיין רער היפך דערפון.

וואס דאס איז דאך בנוגע צו יעדער ערב ראש השנה און בנוגע צו יערער אידן,

און ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר באריכה אין סידור, אין די דרושים פון ראש השנה און תק"ש, אז די וועלט איז באשאפן געווארן בכ"ה אלול, ווי דערמאנט פריער אויך אין מאמר, ביום ראשון לששת ימי בראשית, ווען איז געווען דער "ויפח באפיו נשמת חיים", אז נשמה פון אדם הראשון איז אראפ מלמעלה און ס'איז געווארן "ויפח באפיו נשמת חיים" אין דעם גוף וואס איז געווען "עפר מן האדמה" - אט דאס איז געווען בראש השנה,

און אזוי איז אויך מידי שנה בשנה איז דעמולט איז די הולדת הנשמות, דורך דערויף וואס ס'ווערט באשאפן פון דאס-ניי, ווי ס'איז גע-ווען בפעם הראשונה, אין ראש השנה הראשון, אין רעם ערשטן יום הששי לששת ימי בראשית - אין דער נשמה פון אדם הראשון,

וואס אלע נשמות ישראל זיינען כלול אין נשמת יעקב, ווי דערמאנט פריער, וואס "שופרי' דיעקב מעין שופרי' דאדם הראשון", וואס דארטן איז געווען כלול כל הנשמות.

און אויף דערויף זאגט מען יעדער אידן, אז ער שטייט אין ערב ראש השנה, און ער ווייס אז בראש השנה ווערט באנייט זיין לידת הנשמה, אז הוזרים כל העינינים לקדמותם, און זי קומט אראפ פון פנימיות ועצמות פון עצמות ומהות, דורך ספירת התענוג, ביז פנימיות פון כל העינינים, ביז אין פנימיות הכלים, וואס זיי קומען דערנאך אראפ אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, און דאס קומט אראפ אין פנימיות העולמות, דורך אידן, וואס זיי זיינען פנימיות העולמות,

און ביי א אידן, ווי ער זאגט אין "לדוד אורי" (און חזר'ט דאס איבער דעם גאנצן הודש לפנ"ז), "בקשו פני", "את פניך הוי' אבקש" - אין דעם אידן גופא די פנימיות שבו, און דאס פארבינדט אים מיט "פניך הוי'",

זאגט מען אים, אז גלייך "משביעין אותו", ווי דער צ"צ האט דער-נאך מבאר געווען דעם ענין אין תניא, אז "משביעין אותו" האט די אלע דריי פירושים:

נוסף אויפן פירוש "משביעין אותו" פון לשון שבועה - אויך "משביעין אותו" פון לשון "שבעה", און "משביעין אותו" פון לשון "שביעה" - מ'זעטיקט אים אן דערמיט, ווי ער איז מבאר באריכה אין די דרושים און אין די הגהות און הערות פון דעם צ"צ אויף תניא, וואס איז



הנחה פרטית בלתי מוגה

שוין אויך געדרוקט,

ביז ווי ס'איז בפשטות, אז מ'זאגט אין פנימיות התורה, וואס נתגלתה בדורינו (אנהויבנדיק פון דעם אלטן רבי'ן) אין תורת החסידות, אז "משביעין אותו", און אויך אז אין דערויף איז דא די אלע דריי זאכן,

אז צום אלעם ערשטן באשווערט מען אים, און דער אויבערשטער בעט זיך ביי אים, אז "בחוקותי תלכו"; "אם בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם" איז די גמרא מפרש: "אין אם אלא לשון תחנונים": דער אויבערשטער בעט זיך ביי אים, און באשווערט אים, אז ער זאל זיין "תהי צדיק",

און דערנאך גיט ער אים אויף דערויף כח אין אלע זיינע שבעה ענינים, וואס זיינען כלול משבע מדות, וואס אין דערויף באשטייט דער עיקר עבודת האדם, כמבואר בכמה מקומות, אויך אין די הערות,

און מ'גיט אים דעם כח אין אן אופן פון "משביעין אותו" לשון שובע - מ'זעטיקט אים אן מיט כחות שלמעלה ער זאל קענען דורכפירן די אלע ענינים בעוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו,

און נאכמערער - אנזעטיקן דעם עולם, אז דער עולם זאל זיין ניט נאר "על מילואו נבדא", ווי ס'איז געווען צום ערשטן מאל, נאר - "על מילואו" און נאכמעדער ווי עס וועט זיין בא "אלה תולדות פרץ",

וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיט תורת הבעש"ט אויף "באחד בחודש השביעי", אז "שביעי", ווי ער זאגט אין מדרש, איז דאס פון לשון שובע און פון לשון שביעי כפשוטו, און אויך ווי דער בעש"ט טייטשט דאס אפ, אז ער איז אליין זאט, און זעטיקט אן די אלע חדשים שלאחרי זה, כמבואר בארוכה אין דער תורה,

וואס דאס איז אויך נכלל אין די דריי פרקים פון תניא, עכ"פ פון דארטן קען מען דאס אויך ארויסנעמען, אז יעדער איד און אלע אידן, וואס ערב ראש השנה איז דאך די הכנה צו ראש השנה, וואס דעמולט איז "זה היום תחילת מעשיך" דערפאר וואס ס'איז געווען "ויפח באפיו נשמת חיים",

אט אזוי וועט יעדער איד ווערן געבארן א אידיש קינד - איז דאס זיין "ראש השנה": "ויפח באפיו נשמת חיים",

און אין דערויף גיט מען אים מיט דעם "משביעין" מיט די אלע דריי טייטשן,

און "ילך לבטח דרכו" בחיים, אויף מצליח זיין אין ממלא זיין די שליחות זיינע פון "לשמש את קונו" ולעשות לו ית' דירה בתחתונים,

און "זכרון ליום ראשון", וואס דעמולט איז דאך דאס געווען מצד טבע הטוב להיטיב, "כי חפץ |חסד| הוא" - האט דאך דאס אבער אויך אין זיך אן עילוי, וואס דערפאר זאגט מען "זכרון ליום ראשון", אז דעמולט גיט מען דאס פון ווי דאס איז אין עצם הטוב להיטיב,

וע"ד פון דעם מאמר רז"ל די "תשעה קבים" און "קב אחד", אבער דאס איז נאך העכער פון תשעה, פון מדידה והגבלה בכלל, וואס דאס איז, בכללות, די אתערותא דלעילא וואס קומט לאחרי אתערותא דלתתא, און דער עיקר - די אתעדל"ע וואס קומט פאר דער אתעדל"ע, וואס דאס איז דער "זכרון ליום ראשון", וואס דעמולט איז געווען מצד "כי חפץ חסד הוא"

ובפשטות איז, אז מ'באווייזט א אידן השגחה פרטית, און השגחה



הנחה פרטית בלתי מוגה

פרטית בטוב הנראה והנגלה,

און ער פארענדיקט דעם יאר פון שנה השביעית "שבת לה׳" באופן הכי טוב, בטוב הנראה והנגלה,

און גייט אריין, ווי געזאגט פריער מהוך שמחה גדולה, אויף מכתיר זיין דעם מלך אין דעם "תמליכוני עליכם" בראש השנה שלאחרי זה,

און אויך די רגעים און די שעות וואס זיינען נאך דא אין ערב ראש השנה - נוצט ער זיי אויס מתוך שמחה וטוב לבב,

ובלשון הכתוב אז "בשמחה תצאו ובשלום תובלון", איז דעמולט איז אויך "ההרים והגבעות", און די גאנצע וועלט העלפט ארויס, און העלפט אויך ארויס בשמחה,

כן תהי׳ לנו, בטוב הנראה והנגלה,

ווארום לאחרי כל החשבונות איז (והתחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן) "ניעט ניעט ניקאווא כו׳".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "כי בשמחה תצאו גו׳".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה-אחרונה - וועלן זיכער מאכן א ברכה-אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן (עוה"פ) "כי בשמחה תצאו גו׳".

* * *



הנחה פרטית בלתי מוגה

בס"ד. קטע משיחה ליל ערב ר"ה, כ"ט אלול ה'תש"מ. הנחה פרטית בלתי מוגה

און ס'איז דאך אן ענין שהזמן גרמא ושהזמן צריכה - מ'זאל ניט אפטאן די גרעסטע טיפשיה, רח"ל, וואס עס קען זיין.

און פארוואס איז מען חושד (אע"פ וואס דאס איז די גרעסטע טיפשות) אז אפשר וועט מען דאס אפטאן - דערפאר וואס מ'האט זיך געלאזט אפנארן און מ'האט געטאן דוגמתו בעבר.

און דאס איז - אז ס'איז נאך געבליבן א ביסל ארט פון נאפט וואס געפינט זיך נאך אין רשות פון בני ישראל,

גייען ארום טיפשים, און טענה'ן, אז מ'מוז האלטן ווארט - אע"פ וואס צד השני האט אינגאנצן מבלבל געווען און האט ניט מקיים געווען כו"כ הבטחות;

מ'האט אפגעגעבן 90% און אפשר מערער פון דעם נאפט וואס איז געווען ברשותם של בני ישראל,

וואס איצטער זיינען שוין הכל מודים, אז ווען מען וואלט דאס ניט אפגעגעבן - וואלט מען ניט געדארפט אנקומען צו נאפט מבחוץ, ווארום דאס וואלט געדעקט די גאנצע צרכי כל הענינים וואס מ'דארף האבן אין ארץ ישראל,

און שלא כדעת אט די וואס האבן אפגענארט (אנדערע בשוגג און אנדערע במזיד), און מ'האט געוואלט איינשמועסן דעם עולם, אז מ'האט א רעזערוו אפגעשפארט נאפט אויף כו"כ חדשים -

איז שוין הכל מודים אז דעם מאקסימום וואס מ'קען אפשפארן אפילו אין אזא רחבת ידים ווי ארצות הברית - איז דאס בנוגע צו א פאר חדשים; בנוגע צו ארץ ישראל האט מען זינט מ'האט דאס אפגעגעבן - אפגעצאלט כו"כ ביליאן דאלאר אויף קויפן נאפט אריינברענגען אין ארץ ישראל!

נואס דערפון פארשטייט מען וויפל ס'איז געווען אפגעשפארט.

דאס וואס מ'וויל האבן "חסד לאומים", איינבעטן זיך מ'זאל אפגעבן במשך פון צוויי יאר - בעט מען אז מ'זאל געבן צוויי ביליאן דאלאר (אדורעהאלבן ביליאן דאלאר), און מ'דינגט זיך וכו' --

מ'האט שוין אפגעצאלט במזומן אין דער צייט וואס איז פארגאנגען פון דער צייט וואס מ'האט אפגעגעבן העכער צוויי מיט א האלבן ביליאן דאלאר (ניט פונטן) פאר נאפט,

וואס דאס איז דער סכום וואס מ'איז מגלה אז מ'האט דאס אפגעצאלט,

דערצו קומט נאך צו: די גרעסטע טייל וואס מ'האט באצאלט - האט מען דאס באצאלט פאר די נאפט וואס מ'נעמט דאס ארויס איצטער פון אט די שטחים וואס מ'האט אפגעגעבן מצרים, לויט דעם אומגליקלעכן "חוזה" וואס מ'האט געמאכט אין "קעמפ דייוויד"! פון אט די שטחים!

וואס מ'האט דאס דעמולט געהאט אומזיסט, און מ'האט דאס געקענט פארגרעסערן און ארויסארבעטן נאכמערער; גייט מען פון דארטן, לאחרי ווי מ'בעט זיך אייך אז מ'זאל דאס געבן, און מ'באצאלט כסף מלא, און באצאלט כסף מלא וואס איז מערער וויפל מ'וויל זיך איינבעטן ביי ארה"ב מ'זאל געבן במשך פון אנדער-האלבן-צוויי יאר נאכאנאנד!

און אז מ'האט דעמולט מזהיר געווען:-טוט דאס ניט! איר גיט אפ אייער "נשק" צו אט דעם וואס ער זאגט בכל יום ויום, אז ווען מען איט געבן וויימער וועט ער זיצן רואיק, און טאמער וועט מען אים ניט געבן-

ווייטער - וועט ער זיך מיישב זיין וואס צו טאן!

און איצטער, אז עס קומט לויט יענעם חוזה, וואס דער צד השני האט ניט מקיים געווען רוב הענינים וואס ער האט צוגעזאגט אז ער וועט מקיים זיין, סיי בנוגע צום עזר פון ארה"ב וואס מ'האט מבטיח געווען בנוגע צו "נגב", בנוגע צו בויען די שדות, בנוגע צו "מענקים", וואס אין כאן המקום להאריך בזה, עד"ז אויך בנוגע צו ארץ מצרים.

און דערנאך איז דא א דבר הכי מבהיל, וואס עס געפינען זיך אידן, און טענה'ן, אז דאס איז ניט דער דין פון "צרו כותים על בני ישראל",

וואס דעמולט איז דאך א פשוט'ער דין אין שו"ע, אז אפילו ווען מ'וויל מערניט ווי "קש ותבן", און מ'זאגט, אז דערנאך, אז מ'וועט באקומען דעם "קש והבן" - גייט מען אוועק צוריק,

איז אפילו בשבת, אפילו אין חוץ לארץ, ווי די גמרא זאגט בפירוש אין נהרדעה וואס איז געווען אין בבל האט געהאט דעם זעלבן דין, איז זייענדיק אין בבל, ווי די גמרא רופט דאס אן אין דער סוגיא אין עירובין, און רופט-אן אויך די שטאט,

האט מען איינגערעדט זיך, אדער מ'האט זיי אזוי מצייר געווען, אז איצטער איז ניט דער מצב פון "צרו כותים על ישראל", וואס דארטן רעדט זיך אז מ'קען מורא-האבן פאר א מלחמה, משא"כ איצטער קומען זיך צוזאמען צוויי פריינט, איינער מצרים און דער צווייטער ישראל; מ'זעצט זיך אוועק מיט א דריטן גוטן פריינט, מיט ארצות-הברית - קיינער טראכט ניט וועגן "צרו כותים", קיינער שרעקט ניט מיט אן ארמיי, מיט א מלחמה, מיט נשק, מיט ניט געבן קיין נשק וכו'; מ'רעדט צוויי מלוכות צווישן זיך ווי אזוי ווערט מען נאך גרעסערע גוטע פריינט ווי מ'איז געווען ביז איצטער!

איז דאס וואס ס'איז דא אזוינע וואס ווילן איינרעדן אימעצן אין דערויף - איז אפשר האבן זיי אין דערויף עפעס א פני';

בשעת א איד א תמים, און מ'דערציילט אים אזא זאך, און ער נעמט דאס אן - דאס איז דאך א דבר מבהיל!

אויב מ'ווייס ניט וואס עס טוט זיך אזוי, ווי דער מצב איז במציאות - איז הכבד ושב בביתך! דאס איז ניט דיין מקצוע - בשעת מ'דערציילט דיר פונקט פאקערט ווי דער מצב איז - נעמסטו דאס אן אז דאס איז א ביאור אמיתי!

דער מצב איז, ניט וואס מ'דארף דאס ערגעץ לערנען פשט'לאך: ווי אזוי איז מען געקומען צו "קעמפ דייוויד" - דערפאר וואס על כל גבולות ארץ ישראל, סיי פון צד פון מצרים, סיי פון צד פון סוריא, סיי פון צד פון ירדן, בכל ד' רוחות פון ארץ ישראל, איז "צרו כותים על ישראל"! אלע גבולות זיינען באזעצט מיט אן ארמיי! אויך דער גבול מיט מצרים!

וואס דאס איז א דבר ברור, קיינער איז דאס ניט מעלים. - אמאל האט מען געוואלט דאס באהאלטן; איצטער האט מען זיך שוין אזויפיל אויפגעהערט זיך שעמען - אז מיט צוויי יאר צוריק האט מען אויפגעהערט באהאלטן דאס! אלע ווייסן א דבר גלוי, אז אויפן גבול פון מצרים און ארץ ישראל, איז נוסף אויף דערויף וואס עס געפינען זיך פקידים פון מכס, וואס זיי האבן ניט וואס צו טאן, ווארום מצרים לאזט ניט, דערווייליע, אז עס זאל זיין א פרייער סחרות-פארקער צווישן ארץ ישראל און מצרים - האבן די אנשי מכס ניט וואס צו טאן! אז עס כאפט זיך דורך איינער, בתור

יוצא מן הכלל, אדער א קיסור וכו' - האט ער ארבעט אויף א האלבע שעה;

ווער האט אבער דארט יא צו טאן? - די שומרי הגבול!

און ניט שומרי הגבול וויפל שומרים צווישן צוויי מדינות וואס האבן ניט קיין מורא פאר מלחמה; דארט איז שומרי הגבול מיט גאנצע מחנות צבא!

און ס'איז פאר קיינעם קיין סוד ניט! און מ'קען ניט מאכן דערפון קיין סוד: ס'איז געבוג צופארן צו דעם גבול - וועט מען זיי זען בעיני בשר!

און דערנאך זאגט מען בפירוש: די אלע דריי גבולים, א חוץ גבול מצרים - זאגט בפירוש מלחמה; וועט מען אומקערן די שטחים וועט ניט זיין מלחמה; וועט מען אומקערן ירושלים העתיקה וועט ניט זיין קיין מלחמה; וועט מען מאכן א מלוכה פון פ.ל.א. - וועט ניט זיין קיין מלחמה; וועט מען געבן שווייון זכיות פאר אלע וואס געפינען זיך אין ירושלים החדשה, די אראבער, ווי זיי ווילן - וועט ניט זיין קיין מלחמה - און אז ניט זאל מען וויסן זיין, אז עס וועט זיין, רח"ל הי' לא תהי', א מלחמה על שונאי ישראל! זיי זאגן דאס בפירוש!

דערנאך איז נאך דא פון זיי וואס זיינען נאך מוסיף: אז ניט דאס איז בלשון עתיד; זיי פירן איצטער א מלחמה! נאר וואס דען - דורך מחהלי מחבלים!

וואס ניט די מחבלים באקומען די געלט פון יחידים - זיי באקומען געלט פון ממשלות של כותים! (וואס דאס האט דער צענדאר משנה געווען; דאס איז א ממשלה פון עובדי כוכבים ומזלות): דער געפינט זיך אין אפריקע, דער געפינט זיך אין תימן וכו' - ס'איז קיין נפק"מ ניט!

אבער דאס איז "צרו", און זיי פירן א מלחמה ע"י מחבלים, איצטער!

על גבול מצרים איז אויך די זעלבע זאך! ער טענה'ט: וואס דארף ער פירן מלחמה? - ער וועט פריער באקומען אלץ וואס מ'האט אים צוגעזאגט אן מלחמות, דערנאך וועט ער האבן נעפט אויף וואס צו טאן דערמיט, ווי ס'איז געווען ביז איצטער!

- מ'וואונדערט זיך: היתכן א רודף שלום -- פארוואס זאל ער פירן מלחמה?! וואס וויל ער? - ער וויל האבן די שטחים, וויל האבן די זאכן וואס געפינט זיך אין די שטחים, וויל אז מ'זאל אים אפגעבן די מאשינערי - איז דא צוויי וועגן: אדער מלחמה-האבן דערפאר, ווי ער האט דאס געטאן ביז מלחמת יום הכפורים, ווי ס'האט געטאן קודמו,

דערנאך האט ער געזען אז ס'האט ניט מצליח געווען - דערנאך האט ער זיך געכאפט א לייכטערע זאך: אז מ'קען פועל זיין מ'זאל אפגעבן די שטחים, מיט די נעפט, מיט אלע הבטחות אן מלחמה - א מלחמה וועט ער קיינאל ניט פארשפעטיקן - דערווייילע וועט ער דאס נעמען! און מ'האט דאס אים געגעבן!

האט ער אוועקגעשטעלט "צרו עכו"ם על ישראל" אויף על גבול מצרי! און דאס איז ניט "צרו" מערניט סימבאליש, אז דא שטייט איין און איינ-ציקער חיל, אדער צווי, כדי מ'זאל וויסן אז דאס געהערט צו ארץ מצרים - דארט שטייען מחנות של צבא!

און כדי מ'זאל נאכמער ניט האבן קיין טעות - האט מען אהינצו אריינגעשיקט נשק, און מ'האלט בא ווייטער שיקן נשק,



הנחה פרטית בלתי מוגה

און אז מ'פרעגט: וואס דארף מען האבן נשק; אז דו זאגסט אז מען האלט בא שלום - איז וואס דארף מען שיקן אזויפיל נשק?! זאל מען בעסער שיקן מאשינערי אויף בויען!

שיקט מען נשק מידי יום ביומו, וכמפורסם, וואס אין כאן המקום להבהיל את ישראל, עאכו"כ לצער את ישראל,

- דאס וואס מ'דערמאנט דאס: מ'זעט אויף וויפל דער חושך כפול ומכופל פון גלות: אז מ'רעדט זיך איין, אז איצטער איז ניט דער מצב פון "צרו עכו"ם על ישראל" - בשעת מ'זעט אין די צייטונגען יעדער טאג, אויף די אלע דריי גבולות שטייען אנשי צבא, און זיי לאזן דורך מחבלים, אדער שיקן פון זיך מחבלים, וואס פירן א מלחמה אין ארץ ישראל הי' לא תהי', און אויף גבול מצרים שטייען מחנות צבא,

און אז מ'זאגט אז מ'גייט פירן אונטערהאנדלונגען - זאגט מען בפירוש, אז די אונטערהאנדלונגען דארף מען אפגעבן דעם ענין און א צווייטן ענין און א דריטן ענין - דערנאך וועט מען זען וואס וועט ווייטער זיין!

און מ'זאגט, אז דאס איז ניט דער מעמד ומצב ווי ס'איז געווען. בנוגע צו נהרדעה, ווי די גמרא ברענגט דעם ביישפיל, ווי אין חז"ל, און עד"ז אין ארץ הקודש.

- ס'איז יא דא א חילוק צווישן דער סוגיא אין גמרא: די סוגיא אין גמרא רעדט וועגן "צרו עכו"ם" אויף עיירות של ישראל; איצטער איז דער מעמד ומצב אז "צרו עכו"ם" על כל ארץ ישראל! אלע פיר גבולים פון אלע זייטן!

בחסדי ה', וואס "גדול הרועה" וואס ער איז שומר די "כבשה אחת", און "לא ינום ולא יישן שומר ישראל", איז "לב מלכים ושרים ביד ה'" וואס ס'איז דערווייילע שטיל --

אע"פ וואס ס'איז געווארן אויך מער מחבלים ווי ס'איז געווען איידער ווי מ'האט גע'חתמ'עט דעם חוזה אין "קעמפ-דייוויד"; איך וויל דאס ניט אנרופן "מחנה דוד" - אוי ואבוי אז מ'נוצט דוד'ן מיט "מחנה דוד", און מ'האט זיך בארימט, אז אין "מחנה דוד", וואס "דוד מלך ישראל חי וקיים" - וויל מען מקיים זיין אט די תנאים וואס זיינען היפך פון דוד מלך ישראל, היפך פון שו"ע, היפך פון אידישקייט, היפך פון שכל הכי פשוט:

ס'איז אין ערגעץ ניט געהערט געווארן מ'זאל אפגעבן דעם נשק אט דעם - פארוועלכן מ'האט מורא און מ'ציטערט און מ'בעט זיך ביי אים ער זאל מאכן שלום, דערווייילע גיט מען אים אפ נשק!

איצטער אז מ'גיט אפ נעפט - גיט מען אפ נשק! ניט מ'גיט אפ א זאך וואס דערנאך קען מען דאס נוצן אויף אנצינדן א ליכט אדער עס זאל ברענגען עלעקטרישע מאשינערי; דאס גיט מען אפ נשק!

אלע מדינות צום אלעם ערשטן נוצט מען נעפט אויף ענינים של נשק, של בטחון, של הגנה, של התקפה; דאס וואס עס בלייבט - נוצט מען אויף שלום-ענינים.

און אז מ'הויבט זיך אן מפלפל זיין, אז דאס איז צוויי גוטע פריינט וואס קומען זיך צוזאמען כדי צו מאכן נאך שטארקער די בריה שלום שביניהם - איז דאס אן ענין א נוסח מבהיל ומצער:

בשעה דער צד שכנגד זאגט בפירוש, אז וועט קען מען רעדן וועגן שלום? - אז מ'וועט אים אפגעבן דעם עניין און א צווייטן עניין - נוסף אויף די ענינים וואס מ'האט שוין אפגעגעבן, און אז ניט זאל מען וויסן זיין, אז ס'איז דא אזויפיל און אזויפיל מלוכות של ערב, און ס'איז דא אזויפיל און אזויפיל מלוכות מיט וועלכע ער דארף זיך רעכענען, און ער איז ניט קיין בעל-דעה פאר-זיך, און ער מוז טאן אט דאס וואס דער פאלק פארלאנגט, און דער פאלק האט גוטע פריינט און האט שוועסטער-קינדער אין סורי' און אין תימן וכו' וכו' - מיטן גאנצן נוסח וואס מ'האט זיך שוין אפגעשעמט און מ'רעדט שוין וועגן דערויף בגלוי!

דערנאך קומט מען צוגיין און מ'טענה'ט, אז וואו איז דא.וואס מורא צו האבן?! ס'איז א גוטער פריינט! ער פאלט אויף דער האלדז און וויל "וישקהו" אן נקודות! אן פינטעלעך! בשעת דער... ווי ער זאגט בפירוש ווי דער מעמד ומצב איז!

און בפירוש מגלה געווען, אז אלץ וואס עס האט זיך גערעדט מאחורי הפרגוד - האט ער דערנאך איבערגעגעבן צו אט די וואס זיי זאגן בגלוי אז זיי פירן איצטער מלחמה!

אפילו אז ס'וואלט געווען א ספק אין דער סוגיא פון עירובין, אין דעם דין אין שו"ע, צי דאס איז, שייך בא היינטיקן מצב - איז דאס א ספק פון פקוח נפש, היי' לא תהי', פון דריי מיליאן שונאי-ישראל!

בפרט נאך, אז ס'איז אינגאנצן ניט בגדר ספק!

בשעת מ'האט גע'חתמ'עט דעם חוזה האט מען געדארפט האבן א התבוננות קלה צו וואס דאס וועט ברענגען; איצטער, אז ס'איז דורכגעגאנגען די צייטן, און מ'האט אנגעהויבן רעדן גאר קלארע דיבורים מכל הצדדים - איז ארויס מגדר ספק לגמרי, ס'איז א ודאי גמור!

און דערנאך איז צוגעקומען א נייע טענה: ווי אזוי קען מען זאגן אז ס'איז "צרו עכו"ם על ישראל" - בשעת ער האט חרטה-געהאט און ער זאגט אז ער וויל זיך גאר טרעפן און רעדן;

פריער האט מען געפירט א "ברוגז" און ער וויל ניט רעדן, און איצטער וויל מען זיך טרעפן און רעדן. אז מ'וויל זיך טרעפן און רעדן - דארף מען ניט האבן קיין בעסערע ראי' אז דאס איז דער גרעסטער גוטער-פריינט וואס אידן האבן; דארף מען פאר אים זיך עפעס רעכענען?! - דארף מען אים אלץ געבן וואס ער וויל!

"דעת" ניט נאר "לנבון נקל" - אפילו לאי-נבון! פארוואס זאל ער זיך ניט וועלן טרעפן?! בשעת מ'וועט זיך טרעפן איז דא דריי צדדים: ארצות-הברית קען דערפון מערניט ווי פארדינען, ווארום דאס וועט בא-ווייזן אז זיי זיינען שטארק און זיי פירן-אויס און זיי זיינען מושל ושולט, און אז ביידע צדדים באטראכטן דעם וואס פירט-אן מיט ארצות-הברית אלס זייער גוטער פריינט.

וואס דאס איז ניט א טענה של שקר - דאס איז טאקע; דאס באווייזט אז ער איז דער "סופער-פאוער", ער איז דער וואס קען אויספירן בא ביידע צדדים, במילא איז דאס א מעלה לכל הענינים פאר דעם צד וואס ווערט אנ-גערופן ארצות-הברית,

דער צד פון מצרים פון טרעפן זיך קען מערניט ווי געווינען! ווארום וואס מאנט מען ביי אים? - מ'מאנט ביי אים קיין זאך ניט! מען מאנט ביי אים ניט מקיים זיין אלע פרטים וואס שטייט אין "מחנה-דוד"-



הנחה פרטית בלתי מוגה

הזה, און מ'וועט אים אפגעבן ווייטער און ווייטער,

נאך וואס דען? אזוי איז דאך דא עקשנים (אדער ווי זיי רופן דאס אן: מרא-שחורה'ניקעס) און זאגן אז מ'טאר ניט אפגעבן, מ'דארף פריער האבן א גע'חתמ'עטן פאפיר'ל - איז אט דאס וויל מען אויך ניט אפגעבן! חתמ'ענען א פאפיר וויל מען אויך ניט!

די איינציקע זאך וואס ארץ ישראל מאנט - אז מ'וועט זיך טרעפן! אז נאך דערויף ווי מ'וועט אפגעבן אלע שטחים ווי מ'האט צוגעזאגט, איז אט דעמולט וואס זאל דעמולט זיין? - זאל מען חתמ'ענען אויף א פאפיר אז ס'איז שלום, און מ'זאל אריינשיקן איינעם, צי כמה משרת'ים, וואס זאל זיך באזעצן אין תל-אביב, און אז מ'וועט וועלן האבן א וויזע זאל מען ניט דארפן גיין דורך א מלוכה שלישית; מ'זאל קענען גיין גלייך צו דעם פארשטייער פון מצרים ביי אים באקומען די וויזע!

מער פארלאנגט ארץ ישראל גארניט בא ארץ מצרים; מערניט ווי הבטחות בע"פ, אדער הבטחות בכתב!

וואס אזוי איז געווען ביז איצטער, האט מען אלץ אפגעגעבן - קיין זאך ניט באקומען, א חוץ א הבטחה בכהב, אדער א הבטחה בע"פ - בכתב גאר אויך ניט!

און וואס וועט זיין אז מ'וועט זיך טרעפן? - און פארוואס זאלן די ביידע צדדים זיך ניט וועלן טרעפן - זיי האבן מערניט ווי באקומען; די איינציקע זאך קען זיין זיי וועלן "אנווערן" - אז מ'וועט דארפן חתמ'ענען א פאפיר, וואס אויף דעם פאפיר וועט שטיין אז מ'וועט זיין וואויל און פיין און גוטע-פריינט, און מ'וועט אריינשיקן אן אמבאסאדאר וכו', און דער אמבאסאדאר וועט ארויסגעבן וויזעס און וועט ערלויבן פארן וכו' -

ווי לאנגט דאס וועט האלטן - העננט דאס אפ אן דער שטימונג וואס קען זיך בייטן, הי' לא תהי', ביז-רגע!

אז ער זאל זיך ניט וועלן טרעפן - איז דער גרעסטער שטות וואס עס קען זיין!

אויב ס'איז דא א האפענונג אז מ'וועט זיך האלטן באם שכל הפשוט והישר, אויף אפשטעלן דעם אפגעבן צוריק, ביז וואנענט עס וועלן מקויים ווערן כל התנאים, וואס איינער פון די תנאים איז געווען: אז מ'טאר ניט שטיצן די מחבלים! עאכו"כ אז מ'טאר זיי ניט איבערגעבן, אדער זייערע באי-כח, אט די ענינים סודיים וואס מ'רעדט צווישן זיך מערניט ווי אט די דריי מענטשן,

וואס אלע ווייסן, און מ'האט שוין אליין מודה-געווען, אז ער האט דאס אליין איבערגעגעבן!

און מיט דער הוספה: "אכלתי ואוכל עוד"! פארוואס - האט ער גע-זאגט - האט ער דאס געדארפט איבערגעבן: אזוי ווי ס'איז דא א לחץ, און ס'איז דא הונדערט מיליאן מענטשן, און דארט איז דא מערניט ווי 30 מיליאן, און הונדערט איז דריי מאל מיט א דריטל מערער ווי דרייסיק, א חוץ דערויף - דארף מען צו זיי אנקומען ווענן געלט און וועגן כל שאר הענינים; א חוץ דערויף איז מען פון דעם זעלבן גזע, פון דעם זעלבן דת וכו' וכו' - מיט די אלע טעמים וואס מ'זאגט זיי בגלוי ובפרסום!

וואס אט די אלע טעמים וועלן זיין בתקפם ובמציאות שלהם לאחרי

## - אור לערב ראש השנה (קטע) -



ווי מ׳וועט תחס׳ענען נאך א פאפיר, נוסף אויף דעם פאפיר וואס מ׳האט גע׳חתם׳עט אין "קעמפ דייוויד".

און דערנאך גייט מען ארום "חוזים בכוכבים", חולמי חלומות, און מ׳זוכט רמזים: וויבאלד אז מ׳האט מסכים געווען מ׳זאל זיך זעצן נאך אמאל באם טיש און רעדן, איז דאך א סימן אז מ׳האט עפעס א האפענונג אז מ׳וועט צו עפעס דערגרייכן - אשר לכן באווייזט דאס אז חזרו העניינים לקדמותם! אז קיינער טראכט ניט וועגן מחבלים; קיינער טראכט ניט וועגן ענינים של היפך השלום וכו׳ וכו׳ -

דער גרעסטער חולם חלום זאגט די גמרא א כלל "לעייל פילא בקופא דמחטא" - קען ניט זיין אזא חלום! ס׳איז אויף אזויפיל אפגעפרעגט - אז עס וועט זיך אפילו ניט חלומ׳ען אז א פיל גייט דורך ב"קופא דמחטא"!

דער צד שכנגד האלט אין איין טענה׳ן און אין זאגן, אז ער געפינט זיך אונטער א לחץ פון אזויפיל און אזויפיל ממשלות, וואָס די ממשלות זיינען זיינע ברידער און זיינע שוועסטער-קינדער און זיינע קרובים וכו׳ און ער קען זיך מיט זיי ניט איינרייסן, און דאס וואס ער האט געטאן ביז איצטער - האט ער אויך דערפאר געהאט יסורים און צרות וכו׳,

און זאגט בפירוש, אז לכל לראש - גיט-אפ אלץ וואס איר האט צו-געזאגט, מיט די אלע פרטי הדברים -

און נאך דערויף גייט מען ארום און מ׳איז זיך מפלפל, און מ׳דרוקט דאס אפ אלס א פסק הלכה, אז דאס וואס עס רעדט זיך אין עירובין - איז א פלא וואס האט דאס פאר א שייכות צו היינטיקן מעמד ומצב - בשעת עס רעדט זיך וועגן צוויי ממשלות וואס זיי זיינען די גרעסטע פריינט - ניט ווייסנדיק אדער ניט הערנדיק אדער ניט וועלן הערן (דערהערן), אז כל גבולות ישראל איז "עכו"ם צריך עליהם"!

און יהי רצון, אז "תשועת ה׳" איז דאך "כהרף עין", במילא האט מען נאך כמ"פ "הרף עין" נאך אין שנת תש"מ,

עאכו"כ אז דאס איז ערב ראש השנה, ווי דערמאנט פריער פון טור, אז ישראל זיינען בטוחין אז "אלקים קרובים אליו" איז א זיכערע זאך אז מ׳האט שוין זוכה-געווען בדין, ס׳איז מערניט ווי מ׳דארף דורכפירן די כתיבה וחתימה, וואס דאס וועט זיין באופן של כתיבה וחתימה, אבער מ׳האט שוין זוכה-געווען בדין,

וואס דערפאר איז "מחתכין ציפרניים", ווי ער זאגט אין מדרש - וואס דאס קען ניט זיין אז דאס מיינט ער ראש השנה; דאס קען זיין מער-ניט ווי ערב ראש השנה, ועד"ז מספרין שערותיהן,

זאל זיך אפטאן די "תשועת ה׳ כהרף עין" - צום אלעם ערשטן, אז יעדערער זאל קומען צום שבל הישר, עאכו"כ די וואס געפינען זיך אין "אוירא דארץ ישראל מחכים", און מקיים זיין דעם דין פשוט וברור ואין כל ספק בו, דעם דין וואס שטייט אין שולחן ערוך הלכות שבת סימן שכ"ט,

איי וואס דעמולט דארף מען חרטה-האבן פון א פסק-דין שלפנ"ז -

איז א רב, אז מ׳דערציילט אים א מעשה |וועגן| שעורים, און ער פסק׳נט דעם דין וועגן שעורים, דערנאך ווייזט זיך ארויס אז דאס איז חטים - איז ניטא קיין אחריות און קיין בושה און קיין... - "שגיאות מי יבין", דער וואס האט פאר אים מתאר געווען די מעשה האט אים געזאגט אז דאס רעדט זיך וועגן שעורים; איצטער ווייס ער א דבר ברור אז דאס רעדט זיך וועגן חטים, במילא פסק׳נט ער די הלכה ווי ס׳איז בנוגע צו חטים.

* * *



הנחה פרטית בלתי מוגה

בס"ד. יחידות דאדמו"ר מסדיגורא אצל כ"ק אדמו"ר שליט"א
- יום ד׳ ד׳ תמוז ה׳תש"מ -

<u>הנחה פרטית בלי אחריות</u>

[כשנכנס נתן לו אד"ש שלום עליכם, ואמר לו שיפשוט את המעיל כדי שיהי׳ לו יותר קל לשבת].

אד"ש: ...אין וינה איז דוכט זיך געווען אייערער א זיידע?
אדמו"ר מסדגורדיא: שאביו ודודו היו שם.
אד"ש: ער (הדוד) איז געווען עלטער פון אייער טאטן.
אד"ש: דעמולט איז כ"ק כו"ח אדמו"ר געווען אין וינה, און האט זיך געטראפן מיט אים.
הנ"ל: אין וועלכן יאר?
אד"ש: דאס איז געווען מסתמא אין הרצ"ז.
הנ"ל: דאס איז געווען דער פעטער ר׳ יעקב.
אד"ש: די גניזה החרסוניה איז געווען בא אים? מ׳האט דעמולט גערעדט וועגן דעם.
הנ"ל: די גניזה החרסונית איז געווען בא דעם טשארטקאווער.
אד"ש: ס׳איז איצטער נאך אויך דא?
הנ"ל: ס׳איז דא בריוו פון רוזינער און פון ר׳ גרשון קיטובער.
אד"ש: ס׳איז שוין דא געדרוקט, און ס׳האט געהייסן "סאדעגערער".
איצטער איז געווארן א צייט אז אלע גניזות איז מען מפרסם, שוין בא מ"ח האט מען מפרסם געווען די "חמודה גנוזה".
הנ"ל: דאס איז "יפוצו מעינותיך חוצה".
אד"ש: דאס איז דאך פארבונדן מיטן בעש"ט און משיח׳ן.
אד"ש: איר האט ישיבות וואס זיינען במיוחד אונטער אייער הנהלה.
הנ"ל: ת"ת בירושלים וכולל וישיבה בבני-ברק.
אד"ש: אלעס נאר אין ב"ב? איר לעבט דאך אין תל-אביב?
הנ"ל: שהביהמ"ד של אביו זצ"ל הוא בתל-אביב.
אד"ש: אויב אזוי דארפט איר דארט אויך האבן מוסדות.
די "ד׳ אמות" איז דארט - "ד׳ אמות קונות", און ווי נאענט איר וועט נאר זיין, איז דאס ניט די "ד׳ אמות" עס איז א אנדער זאך.
הנ"ל: הגם שא"א להפקיד את תל-אביב בכ"ז חושב לעבור לבני-ברק היות וזה מקום תורה.
אד"ש: דאס איז מסתמא א סברא אויף ניט, אין תל-אביב געפינען זיך כמ"פ ככה אידן.
הנ"ל: אבי יסד הביהמ"ד שלו בת"א מצד כמה טעמים, אה"כ ביאר מאמר הבעש"ט ש"מלאך כיכאל הי׳ נוהן כל עבודתו רק עבור ציצה אחת" (כש"ט הוספה אות קסג).

אד"ש: דאס (וואס מלאך מיכאל הי׳ נותן כל עבודתו כו׳) האט
א שייכות ספעציעל מיט דעם וואס די גמרא (מנחות מא,
א) זאגט בנוגע צו ציצית - אז מ׳קען זיך דערפון ניט
פטר׳ן, ווייל א מלאך איז אויף דערויף מקפיד (וואס
אפילו א אשה איז אויף דעדויף אויך ניט מקפיד).

הנ"ל: הרי לא ניתנה תורה למלאכי השרת.

אד"ש: דאס שטייט אויף אלע מצוות - די גמרא זאגט אבער בא
"סדינא בקייטא" אז מ׳וואלט געקענט פטור ווערן פון
ציצית - און ס׳איז נאר וואס א מלאך איז אויף דערויף
מקפיד?

וואס דער קשר מיוחד פון ציצית מיט מלאכים איז -
בהקדים נאך א דיוק (וואס איז שוין געדרוקט (בלקו"ש
חי"ג ע׳ 198)): פארוואס שטייט דוקא "<u>ציצה</u> אחת" (און
ניט <u>חוט</u> אחד)?

והביאור בזה:

מיכאל איז דאך איינער פון די רגלי המרכבה
שלמעלה: מיכאל, גבריאל, רפאל און נוריאל (שהם הד׳
דגלים).

און די ד׳ דגלים זיינען אנטקעגן די ד׳ ציצית,
וואס דערפאר האט ער געזאגט דוקא "<u>ציצה</u> אחת" וויבאלד
ער האט א שייכות מערניט ווי צו איין ציצה - "מיכאל
מימין".

און די שייכות במיוחד צו <u>ציצית</u> איז - דערפאר
וואס "תכלת דומה לים, וים דומה לרקיע, ורקיע דומה
לכסא הכבוד" - כסא הכבוד האלט זיך אויף דער מרכבה
פון מלאכים.

וואס דאס איז די שייכות מיוחדת ספעציעל צו
מלאכים, ובפרט צו "מיכאל" וואס "מיכאל מימין" - און
ימין איז כולל כל הגוף כולו, וואס דער גוף איז נכלל
ב"ימין".

אין דערויף איז דא נאך א דיוק:

ע"פ דין מיט א "ציצה אחת" - אויב ס׳איז ניטא די
אלע פיר ציצית, איז די "ציצה אחת" אויך ניט קיין
ענין, און מ׳קען ניט יוצא זיין (ועפ"ז צלה"ב למה הי׳
נותן כל עבודתו רק עבור "<u>ציצה</u> אחת")?

הנ"ל: אולי הכוונה ב"ציצה אחת" ל"פתיל הכלה"?

אד"ש: דער לשון איז "<u>ציצה</u> אחת".

והביאור בזה. ובהקדים:

לכאורה א מלאך דארף דאך ניט האבן קיין
באווארעניש, ובפרט נאך "מיכאל כה"ג" -

אעפ"כ זאגט ער אין בדרש אויף "עושה שלום
במרומיו", אז "מיכאל מימין וגבריאל משמאל" שר של
מים ושר של אש, און מ׳דארף אנקומען אז דער
אויבערשטער זאל מאכן שלום צווישן זיי; מען דארף
אנקומען צו "עושה שלום"?

ווי אזוי מאכט מען שלום?

אז מ'מאכט אז יעדער ציצה זאל זיין פאר-זיך, איז דאס קיין מצוה ניט, נאר אז עד דארף אנקומען צו גבריאל, און ער דארף אנקומען צו רפאל, און ער דארף אנקומען צו נוריאל - דעמולט ווערט דאס "ציצית" - און דאס איז מתקבל, אז דעמולט ווערט "עושה שלום במרומיו" בתכלית השלימות.

און דאס איז אויך וואס דער מדרש זאגט אז די ד' דגלים זיינען געווארן דערפון וואס אידן האבן געזעהן בא מ"ת די מרכבה שלמעלה און די דגלים של מלאכים - האבן זיי זיך מתאווה געווען לזה, האט זיי דער אויבערשטער דערנאך אלעמען געגעבן משאלות לבבם אז ס'זאל זיין דגלים למטה.

און די דגלים זיינען דאך אויך געווען ד' דגלים מיט ד' צדדים - פונקט אזוי ווי א "ציצה".

און דאס איז אויך (וואס מ'האט פריער גערעדט) דער קשר צו מלאך מיכאל דערפאר וואס מיכאל איז דער ערשטער - "מיכאל מימין".

און די הדגשה בזה איז ווי געזאגט [איך קאך זיך אלם אין אהבת ישראל] - די גמרא זאגט אין יומא אז דער חורבן איז געווארן צוליב שנאת חנם;

איז איצטער וויבאלד מ'געפינט זיך שוין אין עקבתא דמשיחא דארף מען שטורעמען און מוסיף זיין א השתדלות מיוהדה,

איז די ערשטע השתדלות דארף זיין - מבטל זיין דעם "מפני חטאינו", דעם ענין פון שנאת חנם. ווי אזוי איז מען מבטל שנאת חנם?

דארף זיין זה לעומת זה - דורך אהבת חנם.

און דאס איז דער ענין פון מיכאל וואס עניינו ועבודתו איז - "אהבה מימין" ובמיוחד איז דאס מודגש (און דאס איז די הדגשה) אין "ציצה אחת":

מ'מוז צו איר אנקומען, און אן איר קענען די איבעריקע דריי ציצית גארניט אויפטאן;

זי אליין דארף אבער וויסן אז זי איז מערניט ווי איינע, און זי האט דריי אנטקעגן זיך.

איז אז מ'קומט צוגיין צו א אידן און דער איד שרייט אז ער איז א כה"ג און איז מקריב קרבנות צו דעם אויבערשטן אליין - מזבח של מעלה, דערנאך דארף מען בא אים פועל'ן אז ער זאל גאר רעדן מיט א פשוט'ן אידן צו לייגן תפילין, אדער ער זאל אנהויבן לערנען אל"ף בי"ת!

איז בשעת מען איז אים מסביר אז ער איז טאקע א כה"ג און איז מקריב בכל יום "תבידין של בוקר ותבידין של ערב" (ווי ס'שטייט אין תנדב"א).

הנחה פרטית בלי אחריות

דיזיאָך אָבער איז כעין איב בכביר אז דאס איז בצד דערויף וואס ער האט אלע מעלות;

דערנאָך אָבער דאַרף ער האָבן די מעלה פון זיין איינע פון די פיר ציציות - כוז ער אנקומען צו נאָך דריי אידן אמווייניקסטנס.

ס'שטייט אויך אויף די מצוה פון ד' מינים אז דאס דאַרף זיין דוקא ד' מינים, די ברכה מאַכט מען טאַקע על הגבוה שבהם "נטילת לולב" אָבער ווען קען ער אויסלאָזן (די ברכה) ווען ער האט צו זיך (און ער מוז אנקומען) אויך די "ערבה". (און מ'איז מאגד אלע דריי מינים צוזאַמען).

איך בין דאס מדגיש ספּעציעל אנטקעגן די קס"ד וועגן תל-אביב.....

אד"ש: איך זיינט דאָך דער "ממלא מקום", און א "ממלא מקום" איז אין ענין יוצא מידי פשוטו מ'דאַרף זיין אין <u>דעם</u> מקום, און אין דעם <u>מקום</u> דאַרף גאָרנים פעלן ח"ו!

און די טענה אז "מצודתו פרוסה" איז דאס אפילו אויף חו"ל אויבעס ווי ס'שטייט (פסחים ג, ב) אויף ר' יהודה בן בתירא "את בנציבין" - ער איז געווען אין חו"ל (תוס' שם) און האט-דערלאַנגט אין ביהמ"ק - ניט סתם אין ארץ-ישראל.

אעפ"כ, כדי צו האָבן א השפעה אויף היינטיקע אידן ובפרט נאָך אויף די יוגנט דאַרף מען זיי זעהן בבוקר ובערב, און וואס ס'געפינט זיך אין די ד' אמות.

ובפרט נאָך היינטיקע צייטן אוועקגיין פון ת"א איז דאס א מורא'דיקע אחריות?!

איר זאָלט קיין פאַריבל נים האָבן וואס איך מיש זיך על לא שאלוני (בחיוך). איר האט דאָך אנגעהויבן רעדן וועגן דערויף (איר האט אריינגעגעבן די געלעגנהייט).

הנ"ל: לא הי' בכוונתי לעזוב ממש אלא להיות בשניהם.

אד"ש: אויב דאס איז נים די "ד' אמות" איז דאס אן אנדערע זאַך!

ס'איז דא א וואָרט פון דעם "בעל התניא" (און ס'ווערט געבראַכט עטלעכע מאל אין חסידות) אז די מעלה פון ד' אמות איז:

אין נשמות איז דא נפש, רוח, נשמה, חי' און יחידה.

הנ"ל: באוה"ח הק' הלשון הוא "נשמה לנשמה".

אד"ש: דער לשון נשמה לנשמה שטייט אין זהר וואס דאס איז כולל ביידע זאַכן: חי' און יחידה, אָבער אין מדרש רבה בראשית זאָגט ער: "חמשה שמות נקראו לה" און רעכנט אויס אלע פינף.

שטייט אין ע"ח אז יחידה ווערט אנגערופן "יחידה" דערפאַר וואס "יחידה ליחדך", אז דאס איז א כלי צו דעם אויבערשטן, ווי דער אויבערשטער איז "יחיד"

וואס בצד דעם וואס דער אויבערשטער איז בורא כל העולמות ווערט ער אנגערופן "אלקים" לשון רבים.

און דערנאך ווערט ער אנגערופן "אחד", וואס אין דעם זיינען נרמז די "ז' רקיעים וארץ".

און דערנאך איז דא דער ענין פון "יחידה" - וואס דאס איז א כלי אויפן יחיד שלמעלה.

שטייט אין חסידות אז די נר"נ איז משכנם בלב ובמוח שבראש;

יחידה אבער קען ניט נחלבש ווערן אין א כלי, דערפאר וואס זי איז א כלי אויף "יחיד" - זי געפינט זיך אבער אין די ד' אמות של אדם.

און דערפאר איז "ד' אמות של אדם קונות".

וואס לכאורה מ'מאכט דאך ניט קיין קנין, און דאס איז דאך ניט ער - ס'געפינט זיך דארטן מערניט ווי זיינע ד' אמות?

שטייט אויף דערויף די הסברה בפנימיות הענינים, אז אין די "ד' אמות" געפינט זיך דער עיקר האדם וואס דאס איז "יחידה ליחדך".

און אז מ'פירט איבער די "ד' אמות" במקום אחר - איז אז עס וועלן דארטן זיין די תלמידים, דארף מען זיי פריער מחנך זיין אז זיי זאלן וויסן אז ס'איז קיין חילוק ניטא, און כדי זיי מחנך זיין דארף מען זיין מיט זיי צוזאמען.

ווי קומט דאס אז די חסידים דערלאזן גאר אזא-מין קס"ד?

איז דאס דארף מען צו זיי האבן א טענה.....

הנ"ל: בהגדה של פסח בסידור של קה"ת כתוב אָנו אוכלים (בחטף פתח) זהרי בכל המקומות כתוב אָנו (בקמץ) האם יש בזה הסברה?

אד"ש: ניט געפונען. אבער דאס איז מועתק פון דעם אלטן רבי'נס סידור, און אזוי שטייט דארטן.

הנ"ל: רצה לפרש ע"ד הקבלה שהרי פתח בחכמה וקמץ בכתר ולכן כתוב אָנו אוכלים מצה שקשורים להבורא יתי'.

אד"ש: דארט רעדט זיך אויך וועגן חמץ - "אנו אוכלים חמץ או מצה", און מרור, מיט אלע זאכן צוזאמען.

הנ"ל: אבל יש הסבר על זה?

אד"ש: איך האב ניט געפונען לעת עתה - "לא ראינו אינו ראי'".

הנ"ל: כתוב שכל הלובש ציצית בבגדו ותפילין בזרועו ובזרועו ובמזוזה בפתחו מוחזק לו שלא יחטא שנא' והחוט המשולש לא במהרה ינתק ועד"ז הוא בנוגע לחנוכה שמזוזה מימין ונר חנוכה משמאל והוא באמצע שנא' והחוט המשולש גו'. וצ"ל והרי הפסוק מדבר רק כשזה שלשה דברים בגוף אחד אבל כאן ה"ז ג' דברים נפרדים ומהו הראי' מהפסוק? (והסביר את זה).

אד"ש: דער מעזריטשער מגיד איז אוך הורה עה"פ (אחרי יח, ה)



הנחה פרטית בלי אחריות

"וחי בהם" טייטשט אז א איד מאכט די מצוה לעבעדיק:
אז בשעת ס'איז דא א טלית כיט ציצית איז דאס א דומם, און בשעת די תפילין ליגן אויפן טיש איז דאס אויך א דומם, און די מזוזה איז אויך א דומם;
בשעת דער איד מאכט אויף דערויף א ברכה און טוט דאס אן, און איז מקיים דערמיט א מצוה - ווערט נמשך חיות אין די חוטי הציצית און אין קלף התפילין, וואס דאס ווערט דוקא דורך דעם אדם "המניח תפילין" אדער "הלובש ציצית", אדער וואס ער נוצט די מזוזה בביתו.
און וויבאלד אז דער חיות קומט פון דעם זעלבן מקור, פון דעם זעלבן מענטשן - קומט דאס דערנאך אראפ אין אלע דריי.
ווארום אויב דאס איז "חי" - דארף דאס זיין פארבונדן מיט דעם מקור וואס איז אים מחי'.
במילא איז דער חיות וואס איז אין די ציצית, און דער חיות וואס איז אין די תפילין, און דער חיות וואס איז אין דער מזוזה - פארבונדן.
און בשעת זיי זיינען אלע אין דעם זעלבן ארט - איז דאס "והחוט המשולש".
און דאס (וואס מ'זאגט אז מ'מאכט א מצוה לעבעדיק) איז קיין קשיא ניט, ס'שטייט אין שבחי הבעש"ט: אז דער בעש"ט האט געטראגן ציצית - האבן זיך די חוטי הציצית מתנענע געווען - בא אים האט מען געזעהן בפועל ווי אזוי עס ווערט "לעבעדיקע פאדימער".

* * *

הנ"ל: באה"ק הרופאים צוחקים על משפחות מרובות ילדים וצריכים לעורר על זה.

אד"ש: מ'האט געדארפט פועל'ן בא די דאקטוירים, וואס די הויפט וועלכע שרעקן וועגן דערויף זיינען דאקטוירים.

הנ"ל: שאם ההעוררות תבוא מהרבי זה יפעול יותר.

אד"ש: איך האב אנגעהויבן טומלען וועגן דעם.
און אז די וואס קומען צוגיין צו זיי מיט טענות וועגן דערויף, זאגט מען אז אזוי האט דער דאקטאר געזאגט.

הנ"ל: ובכלל מצד אחד מדברים על עלי' ומצד שני על צמצום הילודה.

אד"ש: די ממשלה גיט אויס 30,000 דאלאר צו באקומען א נייע משפחה מבחוץ, און גיט אויס איך-ווייס-וויפל דאלאר צו ממעט זיין די ילודה, און ווי זיי רופן דאס אן "עלייה פנים".
און דאס גייט אן ספעציעל צווישן די ספרדישע משפחות, וואס זיי זיינען ניט געוואוינט געווארן צו דעם (לצמצום הילודה) - שיקט מען צו זיי ספעציעל מדריכות אז זיי זאלן איינרעדן די יונגע פרויען אז

זיי דארפן זיך מונע זיין פון ריבוי ילדים, אז ס'איז
ניט שיין און ס'איז א טרחא וכו'?!

די ערשטע זאך וואס מ'דארף טאן: אז אזוי ווי
דארפן גיט מען א מענק פאר די וואס האבן מערער
קינדער, דארף מען פועל'ן בא די ממשלה אז מ'זאל
מוסיף זיין אין דעם מענק.

הנ"ל: הי' רצוי שהמענק יהי' בידי יהודים דתיים ולא בידי
הממשלה כי הם יוסיפו במענק גם לערביים.

אד"ש: אויב מ'וועט מאכן א "הפלי'" וועט מען גלייך אנהויבן
שטורעמען היהכן אז מ'איז גזעניש (איר האט שוין
מסתמא געהערט די טענה).

הנ"ל: שיוסיפו רק לדתיים.

אד"ש: איך גלויב ניט אז דערפולט וועט דאס דורכגיין, בשעת
מ'וועט רעדן וועגן "ישוב העולם", וועט דאס בא זיי
(הממשלה) נתקבל ווערן.

הנ"ל: אך הערבים גם יקבלו את המענק.

אד"ש: האט מען קיין ברירה ניט, און זיי קריגן סיי-ווי-סיי.
מיט א פאר יאר צוריק איז געווען א "ברימערי" פון
"משרד הפנים" -(וואס דאס איז אין פרומע הענט -
"דתיים", איר האט געזאגט פריער אז ס'זאל זיין אין
רעליגעזע הענט), אז אין ירושלים העתיקה -
וואס אין ירושלים העתיקה לעבן א פאר הונדערט
אידן. און די אידן וואס לעבן דארט זיינען שוין
מסתמא נאך גיל ששים, און ערביים זיינען דארטן דא
אזוי-פיל און אזוי-פיל
- האט ער זיך "געברימט" אז אין ירושלים העתיקה
שטייען "ערביות" אין א תור צו באקומען דעם "מענק"
וואס מ'באקומט פאר א קינד!
און מ'האט צו מיר געהאט טענות פארוואס איך בין
ניט מבדיל,
האב איך געזאגט: ערשטן'ס איז ע"פ דין א בן נח
מחוייב אויף "לשבת יצרה", דערנאך איז ער מחוייב
אויף היפך הרציחה, וואס דאס איז איינע פון די "שבע
מצוות בני נח", דערנאך איז א איד מחוייב זעהן אז א
בן נח זאל מקיים זיין זיינע מצוות.
און די שיטה אז "תמות נפשי עם פלשתים", און
דערפאר זאל ניט צוקומען בא אידן כדי בא זיי זאל ניט
צוקומען, איך גלייב דאס ניט.

הנ"ל: אבל כשהמענק לא יהי' בידי הממשלה יהי' יותר קל.

אד"ש: ווערט דאס דעמולט א ענין "דתי" און אז מ'ווערט א
ענין "דתי" (איז ניט ישיבות צו זאגן) פאדפירט מען
זיך.....
נוגע איז דאך דער נעשה בפועל, וזהו שעה אחת
קודם - וואס דאס איז ניט א ענין וואר מ'זאל אז



הנחה פרטית בלי אחריות

מ'וועט דאס אויספירן פריער צי שפעטער.

די גמרא זאגט אין עירובין (סג, ב) אז אייך נאכט וואס מ'האט דורכגעלאזן ווייל דער ארון איז געווען שלא במקומו - האט יהושע בן נון געהאט א גרויסע איסור.

איז בשעת מ'קען דאס מאכן מיט א טאג פריער דארף מען דאס מאכן מיט א טאג פריער.

און אויב דאס וועט ווערן א מלחמה צווישן דתיים און ניט דתיים איז (ווי דער מצב איז דארט) האבן די טענה אז מ'וויל באקומען געלט, מיט די אלע טענות וואס מ'האט אין דעם.

הנ"ל: יתנו גם לאינם דתיים.

אד"ש: מ'וועט ניט גלויבן.

וכבר הי' לעולמים די מעשה וועגן די געלט אויף די ישיבות האט מען אין ירושלים געהאט טענות אויף דערויף [מ'דארף דאס קיינעם ניט חזר'ן].

איז אויב מ'וויל דאס דורכפירן - איז צום אלעם ערשטן האט מען געדארפט זעהן אז מ'זאל דאס דורכפירן ו"יפה שעה אחת קודם", און דערנאך וועט מען זוכן עצות לזה.

און וויבאלד אז דאס איז א השתדלות ע"פ שו"ע, פארלאזט מען זיך אויפן אויבערשטן און מ'דארף האפן אז דאס וועט פועל'ן.

ווען מ'טוט א זאך על דעה עצמו, היפך פון שבע מצווה בני נח, אדער א זאך וואס איז ניט אריינגעשטעלט אין שבע מצוות בני נח - איז א אנדער זאך. אבער ע"פ דין איז א איד (אויב ס'איז תלוי בידו) טאר ניט צולאזן אז א בן נח זאל פראוון הפכן, אויב ס'איז "איך יד ישראל תקיפה" קען מען גארניט טאן, בשעת ס'איז אבער "יד ישראל תקיפה" אזוי ווי אין ארץ ישראל - טאר א איד ניט צולאזן ס'זאל זיין א "הפלה" פון א אראבישן קינד!

ווייל דאס איז איינע פון די שבע מצוות בני נח...

הנ"ל: שלכאורה הרי הבא להרגך השכם להרגו, והמצב כעת עם הערבים בארץ ישראל מאד חמור, במילא לא כדאי שיוסיפו להם במענק.

אד"ש: דאס פטר'ט זיי ניט פון שבע מצוות בני נח, און דאס באפרייט ניט א אידן אויף צו טאן כל התלוי בו אז א גוי זאל ניט עובר זיין אויף זיינע "שבע מצוות"!

וואס דאס איז א דין אין הל' מלכים פון דעם רמב"ם. שו"ע איז געשריבן פאר אידן, אבער אין הלכות מלכים זיינען דא אויך די דינים - שטייט דארטן א קלארע זאך.

הנ"ל: אם אעשה בזה לכאורה יגידו שאני מתכוין לטובת הערבים.

הנחה פרטית בלי אחריות

אד"ש: בשעת די השתדלות וועט קומען פון אייך, וועט קיינער ניט חושד זיין אז איר גייט מסייע זיין א אראבער, ס'וועט זיין א דבר ברור וואס איר מיינט, נאר דרך אגב וועט צוקומען אויך צו א אראבער.

וואס אויף דערויף האט מען קיין ברירה ניט, דער אויבערשטער האט ארויפגעלייגט אויף א אידן א חיוב - צוזאמען מיט דער "הלכה" (כלשון רש"י (וישלח לג, ד) וואס רש"י איז מדגיש דעם לשון "הלכה", אז) "הלכה היא בידוע שעשו שונא ליעקב" - אז א איד טאר ניט צולאזן א גוי זאל הרג'נען א צווייטן גוי.

* * *

הנ"ל: מהי דעת כ"ק אדמו"ר שליט"א בנוגע לשטחים, האם זה כיבוש יחיד או כיבוש רבים.

אד"ש: עס פלעגט מיר אלעמאל וואונדערן: די גמרא זאגט אז ס'איז דא א מציאות פון "טענו חטים והודה לו בשעורים", און די גמרא ברענגט דאס בקשר מיט א ב"ד בישראל;

וואס ס'איז אלעמאל געווען ניט פארשטאנדיק: עס רעדט זיך וועגן דיינים מומחים, און עס קומען צוגייך צוויי נארמאלע מענטשן, איז ווי איז דא א מציאות פון "טענו בחטים והודה לו בשעורים"?

וואס דאס איז א קס"ד, און מ'דארף באווארענען וואס פאר א דינים דאס האט?

דער מצב אין ארץ ישראל איצטער האט אינגאנצן קיין שייכות ניט צו כיבוש יחיד, און צו כיבוש רבים - אידן געפינען זיך אין א מעמד ומצב אז זיי זיינען במצור (באלאגערט) רח"ל פון 100 מליון אראבער -

איז דער דין אז עס איז קיין נפק"מ ניט צי ס'איז יע דא קדושה הארץ צי עס איז ניטא קדושת הארץ - עס געפינען זיך דריי מליון אידן אין דעם שטח, און זיי זיינען באלאגערט ארום און ארום מיט אראבער (מאסלעמענער צי מצריים ווי מ'וועט זיי נאר אנרופן)

- און ניט אז זיי זאגן אז זיי ווילן "קש וחבן", זיי זאגן בפירוש אז זיי ווילן האבן נאך א שטח,

איז אפילו אז דאס וואלט געווען אין חו"ל, איז דעמולט א בפירוש'ער דין אין שו"ע אז אפילו אויב ס'איז דא דריי אידן אין די שטעטל וואס קענען טראגן נשק - און זיי האבן ניט קיין "ב"ד", און האבן ניט "דוד מלך ישראל", און האבן ניט קיין "מלכות", און האבן ניט אפילו קיין "ז' טובי העיר" [דער שו"ע פארבינדט דאס ניט מיט ז' טובי העיר]

- זאגט דער שו"ע אז וויבאלד דאס איז א מעמד ומצב אז "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" [ניט "הארץ" ארץ ישראל נאר דער שטח וואו אידן געפינען זיך און דערפאר

ווערט דער דין געבראכט אין שו"ע וואו עס רעדט זיך – לאו דוקא וועגן ארץ ישראל – אויך וועגן חו"ל, אין גמרא עירובין שטייט בפירוש אז די עיידה איז געווען אין חו"ל – "נהרדאה"]

איז דער דין אז אויב ס'איז א ספק אז "נוהה הארץ ליכבש לפניהם" – דארף מען זיך אוועקשטעלן אינמיטן שבת מיט נשק, אפילו מ'דערהערט אז "ממשמשים ובאים"!

איצטער איז א דבר ברור, זיי זאגן בפירוש אז זיי ווילן האבן דעם "שטח" ניט "קש ותבן", און זיי ווילן האבן מזרח ירושלים!

און דאס וואס מ'זאגט אז מ'וויל איצטער פרואוון אפגעבן שטחים, ווייל דורך דערויף וועט מען באווארענען די אראבער,

איז שוין איצטער נשווארן אוים סוד:

בשעה עס איז [illegible] דער נצחון פון דער מלחמת ששת הימים (ווי זיי רופן דאס אן) וואס דעמולט האט מען איינגענומען ירושלים, און מ'האט איינגענומען דעם מערב הירדן, [illegible] אלע שטחים – וואס עס רעדט זיך איצטער וועגן זיי.

איז אין א וואן ארום געקומען צופארן א משלחת פון דער ממשלה (פון ירושלים צי פון ת"א), און מ'האט זיך געווענדעט צו דעם וואס איז געווען דעמולט (נשיא ארה"ב), און מ'האט אים געזאגט:

אמת טאקע אז מ'האט אלעס מנצח געווען, אבער ניט דאס איז געווען די הכנית און די כוונה, די כוונה איז געווען שלום – במילא זאל ער פארמיטלען צווישן ישראל מיט מצרים און די אראבער וואס זיינען ארום און ארום, און זיי וועלן דאס באקומען צוריק!

איך ווייס ווער איז געווען אין דער משלחת און אלע ווייסן שוין איצטער – ס'איז געווען דעמולט א ממשלה פון ליכוד לאומי (ווי מ'האט דאס גערופן), איז דארטן געווען בגין (איך וויל וועגן דערויף ניט שטודעמען), און אשכול, בכל אופן ס'איז געווען דארט א בא-כח מכל המפלגות.

במילא איז די טענה אז מ'טוט דאס דערפאר וואס "אל תתגרה בגוי קטן", איז די מציאות א היפך:

ווארום מ'האט געשיקט די הצעה בשעת ס'איז געווען דער נצחון, און קיינער פון די אראבער האט זיך ניט גע'חלום'ט אז מ'וועט עפעס אפגעבן צוריק, זיי האבן מורא געהאט אז מ'וועט זיי ארויסטרייבן פונקט ווי זיי זיינען אנטלאפן פון תל-אביב!

און איצטער איז אויך אזוי: מ'האט גע'טענה'ט אז דורך דערויף וועט מען האבן שלום – זיי זאגן בפירוש אז זיי ווילן ירושלים העתיקה, און זיי ווילן האבן

יהודה און שומדון, און דערנאך ניט זיי זיינען בבטיח
שלום [און נביח אז זיי וואלטן יא כבטיח געווען],
סיי סאדאת און סיי חוסיין [ער געפינט זיך איצטער דא
- טאר מען ניט רעדן אויף אים מצד הכנסת אורחים]
זאגן בפירוש אז זיי זיינען אויסגעקליבן אויף א משך
זמן, און זיי קענען זיך ניט מתחייב זיין ווי עס
וועט זיין, אז ס'וועט קומען א ממלא מקום.

און אפילו זיי וואלטן דאס ניט געזאגט ווייסט
מען אויך דערפון.

דערנאך איז סאדאת גופא די דרישות וואס ער מאנט
איצטער לגבי די דרישות פון פאר דריי יאר צוריק -
איז צוגעקומען כמ"פ ככה, ער האט דעמולט ניט געמאנט
מיט אזויגע "אמסטערדאמע" אותיות אז ער מוז האבן
ירושלים העתיקה!

און באמת איך זע דא ניט ספעציעל ירושלים העתיקה
- דאס וועט בלאט פארלירן די זאך,

איך רעדט ניט איצטער וועגן ירושלים העתיקה, איך
רעד וועגן דערויף וואס די גמרא זאגט בנוגע צו
"נהרדאה":

וויבאלד אין "נהרדאה" האבן געלעבט אידן [און
דארטן זיינען געווען א סאך גנבים (ס'איז ניט געווען
מערניט זוי פרומע אידן, און ס'איז געווען א מעשה
מיט יוהכ"פ ווי אזוי זיי האבן זיך געפירט), נהרדאה
האט געהאט אין זיך פארשידענע אידן]

זאגט די גמרא אז מ'דארף קוקן אויף איין זאך: צי
"נוחה הארץ ליכבש לפניהם" צי ניט:

און אויף דערויף איז אפגע'פסק'נט אין שו"ע -
גייט דאס אריין אין דין פון פקו"נ, און פקו"נ איז
דער דין אז מ'טאר ניט ווארטן ביז יענער קומט צוגיין
פרעגן נאר מ'דארף גיין גלייך מחליט זיין דעם מצב
הדברים.

דערנאך איז וויבאלד מ'געפינט זיך אין א חושך
כפול ומכופל באווייזט דער אויבערשטער אז עס זאלן
איינגאנצן בטל ווערן אלע-ערליי ספיקות:

מ'האט גערעכנט אז בשעת די אראבער וועלן דערהערן
אז מ'רעדט וועגן אפגעבן, וועט ווערן שטיל;

זינט מ'האט אנגעהויבן רעדן וועגן אפגעבן איז
געווארן מערער מחבלים ווי ס'איז געווען ביז איצטער!

עס איז קיינמאל ניט געווען אזוי פיל מחבלים -
זינט מ'האט גע'חתמ'ט אין "מחנה דוד" (ווי זיי רופן
דאס אן) [וואס דוד איז געווען "דם רב שפכת", האבן
זיי אויסגעקליבן אז אין מחנה דוד זאל מען אריינ-
שטעלן אין פקו"נ, רח"ל, דריי מליון אידן!] -

און מ'בריכט זיך אז דאס איז א "חוזה" וואס איז



הנחה פרטית בלי אחריות

גע׳חתמ׳ט געווארן אין "מחנה דוד"!

און איצטער זאגן די אראבער אז דאס איז ווייניק, און ניט דאס האט מען געמיינט.

און די אידן דינגען זיך און מ׳טראכט ווי איז בעסער פאר פקו"נ -

מען דארף ניט האבן קיין ראיות אויף דערויף - דער "ב"י" האט דאס שוין באווארנט:

די גמרא זאגט וועגן "נהרדאה" אז אויב "ממשמשים לבא על עסקי קש ותבן", איז אז מ׳וועט קומען צוגיין צו א אידן און א פרעג-טאן: יענער וויל האבן א ביסל "גראז" צי א ביסל "שטרוי" און דערנאך וועט ער אוועק-גיין - גיב זיי אפ די "גראז" און דערנאך וועט מען זעהן, מ׳וועט דאך קיינמאל ניט פארשפעטיקן די מלחמה,

זאגט תורת אמת און תורת חיים אז עס איז א פסק דין ברור אז אפילו זיי זיינען מערניט ווי "ממשמשים ובאים", און זיי ווילן מערניט ווי "קש ותבן", און דערנאך גייען זיי צוריק אוועק - זיי ווועלן דאך אבער זיין עטליכע רגעים אין דעם שטח, וואס פון דארטן איז "נוחה הארץ ליכבש לפניהם" -

איז אום שבת - אזוי א מלחמה דארף מען אנהויבן דריי טעג פאר שבת, דא איז דער דין - אום שבת גופא דארף מען נעמען דעם "נשק" און אוועקשטעלן זיך, און זאגן אז מ׳וועט ניט ארייגלאזן.

הנ"ל: הרי בזמן חנוכה לא נלחמו בשבת (ראה חשמ׳ א, ב. קדמוניות ב,ו).

אד"ש: דעמולט איז אבער געווען איידער דער פס"ד איז גע׳פסק׳נט געווארן.

מ׳האלט אין איין טענה׳ן פאדוואס איך האלט אז ס׳איז ניט א אתחלתא דגאולה - היתכן דער האט געזאגט אזוי און דער האט געזאגט אזוי, און אזוי שטייט אין ירושלמי (ריש ברכות), און אין שהש"ר (פ"ו, י), און אין רמב"ן: אז גאולת ישראל וועט זיין "כאילת השחר"?

האב איך געזאגט: די אלע חילוקי דעות זיינען געווען שייך איידער דער פסק דין איז גע׳פסק׳נט געווארן.

און וואס דאדפט איר א גרעסערע ראי׳ (אויף דעם וואס איך זאגט אז ס׳איז אתחלתא דגאו׳) ר"ע האט געזאגט אויף ר׳ שמעון בן כוזיבא אז ער איז משיח - "דרך כוכב מיעקב" האט ר"ע גע׳דרש׳נט אויף בן כוזיבא.

די נפק"מ איז אבער: דאס איז געווען איידער דער פסק דין איז גע׳פסק׳נט געווארן;

בשעת דער רמב"ם האט גע׳פסק׳נט אז גאולת ישראל וועט זיין - אז עס וועט קומען צוגיין א איד און "יכוף כל ישראל ללכת בדרכה ולחזק בדקה" - ניט רעכענענדיק זיך מיט "דימאקראטיע", און וועט נייטן

אידן מקיים זיין מצוה, און דערנאך וועט ער זיין
דער וואס "יבנה ביהמ"ק במקומו", און דערנאך וועט
זיין "יקבץ נדחי ישראל".

און דער רמב"ם ברענגט בזוי"ז מאי דעם סדר: אז
פריער קומט משיח, און דערנאך "יבנה ביהמ"ק במקומו"
וכו׳.

הנ"ל: הרי יש ספק מה יהי׳ קודם.

אד"ש: די ספיקות שטייען אין ירושלמי, און דער רמב"ם האט
אויך געזעהן דעם ירושלמי.

הנ"ל: גם בספרי כתוב.

אד"ש: דעם ספרי האט דער רמב"ם אויך געזעהן, אבער די אלע
ספרים זיינען געווען פאר דעם רמב"ם (דער מהש"ר איז
אויך געווען פאר דעם רמב"ם).

ס׳איז געווען איינער (איך וויל נים דערמאנען
זיין נאמען ווייל ער איז שוין אין עולם האמת) וואס
איז געווארן א בעל תשובה, און האט זיך געפירט
בתכלית ההידור, דערנאך האט מען אים געטראפן ווי ער
עסט בשר-עוף בחלב.

האט מען אים געזאגט, היתכן: דו ביסט מהדר אין
אלע זאכן, איז ווי קומט צו דיר אזא-מין זאך?

האט ער געזאגט אז ער האט געזעהן אין גמרא אז
אזוי האט זיך געפירט ר׳ יוסי הגלילי.

מ׳פרעגט בא מיר צי ס׳איז ריכטיק, זיכער ס׳שטייט
דאך אין גמרא - די נפק"מ איז אבער אז דאס איז
איידער דער פסק דין איז גע׳פסק׳נט געווארן.

די זעלבע זאך איז דא: אין ירושלמי (מעשר שני
פ"ה ה"ב) איז דא צוויי דעות וואס וועט זיין פריער:
"בונה ירושלים" צי "נדחי ישראל יכנס":

דערנאך איז געקומען דער רמב"ם, און האט געזעהן
סיי דעם ירושלמי, סיי דעם ספרי, און סיי דעם בבלי,
מיט כל הענינים - און האט אפגע׳פסק׳נט צוויי מאל:
אין תחלת פרק י"א און אין סוף פרק י"א [איך בין נים
קיין בקי אין רמב"ם, נאר אז מ׳דערגייט ביז אזוי פיל
די יארן - אז איך האב דאס אויסגע׳חזר׳ט אויף
אויסענווייניק].

דערנאך איז געווארן א טענה: דער רמב"ם שרייבט
אין א פרק נאך דעם (אין פרק י"ב) אז "הדברים האלו
אינו ברור הסדר שבהם", ממילא איז וואס טויג דעם
וואס ער שרייבט אין אנהויב (אין פרק י"א) - דער
רמב"ם אליין זאגט אז ס׳איז אינו ברור דער סדר.

האב איך געזאגט, דער רמב"ם שרייבט דאס אויף די
זאכן וואס ער רעדט אין פרק י"ב. אבער ניט ער גייט
אפפרעגן זיך אליין - וואס עס שטייט אין פרק י"א,
ווארום אויב אזוי קען מען זאגן אז דאס גייט



הנחה פרטית בלי אחריות

אויף אלע ענינים וואס שטייען אין פרק י"א.

הנ"ל: הרי ישנו הדין של ג' שבועות.

אד"ש: דאס האט קיין שייכות ניט צו "ג' שבועות" - דאס איז א דין וואס איז חל אויף <u>נהרדאה</u>, און דאס איז א גמרא מפורשת.

הנ"ל: האם כעה לאחרי שה"יו-ען" נתנו רשות האם שייך עכשיו הדין של ג' שבועות.

אד"ש: מ'דערציילט אויף ר' יחזקאל לנדאו דער נודע ביהודה, אז ער איז אנגעקומען אין א גרויסע שטאט, און עס איז געווען דארט א סאך למדנים, און זיי האבן געהאלטן אז זיי קענען לערנען מערער פון אים, האט מען אים מקפח געווען בהכבוד (וואס דאס איז געווען בפומבי), און ער האט אלעמאל בצליה געווען און געענטפערט צו דער זאך.

ביז וואנעט עס איז געווען איין זאך וואס ער האט געזאגט - און דערנאך איז געווארן א שטורעם אז דער הויפט רב פון פראג האט געענטפערט שלא כהלכה,

האט ער זיי [illegible]ענטפערט אז ער וועט א קוק טאן, און האט געזאגט אז [illegible] זיינען גערעכט - אבער די הלכה (וואס מ'האט בא[illegible] גע[illegible]זאגט) איז מסתמא ניט נוגע למעשה. און האט זיי מסביר געווען:

בשעת א רב פסק'נט א דין, וואס דער שו"ע הייסט אים פסק'נען, ווערט דאך לכאורה א קושיא עס ווערט דאך א פס"ד וואס כמוך איש כפי איש עד משה רבינו - איז ווי אזוי פארלאזט מען זיך אויף א בשר ודם?

איז דער ענטפער אויף דערויף: בא עדים זוממין איז דער־דין אז הרגו אינם נהרגים ווארום וויבאלד עס איז געווען הריגה בפועל, און דער אויבערשטער האט צוגעלאזט, איז א סימן אז עס האט געדארפט אזוי זיין.

בשעה ער האט סמיכה אויף די הלכות, און איז א רב ע"פ שו"ע - וועט דער אויבערשטער ניט צולאזן אז בא אים זאל קענען זיין א מכשול

- במה דברים אמורים ווען עס איז נוגע צו א מכשול - ניט ווען ס'איז נוגע לכבודו (פון רב).

און וויבאלד אז דאס איז א הלכה וואס איז ניט נוגע צו א מכשול, נערניט ווי צו זיין כבוד - איז דער אויבערשטער ניט מחוייב זיך אראפצולאזן מלמעלה העלפן אים אז ער זאל צוטרעפן דעם ענטפער.

במילא רעכנט ער אז די מעשה וואס מ'האט בא אים געפרעגט איז ניט געווען א הלכה לפועל,

האט מען מברר געווען און ס'איז טאקע אזוי געווען.

די שאלה פון "ג' שבועות" איז איצטער ניט נוגע לפועל:

די וואס זיינען דארט, מאכן פון דארט ניט אויעק־פארן, מ'געפינט זיך אין ארץ ישראל איז "אסור לצאת

מא"י לחו"ל" - וואס דאס האט ניט קיין שייכות צו ג׳ שבועות;

און די וואס פארן פון דאנעט אהינצו, איז פונקט אזוי ווי איך רעד מיט אייך וועגן ת"א, רעד איך מיט זיי, אז יעדער מדריך, אדער א רב וואס פארט אוועק פון חו"ל איז ער א "עריק" ער אנטלויפט פון די מלחמה מיט התבוללות.

אמאליקע צייטן אז א רב איז אוועקגעפארן אין ארץ ישראל - האט ער געלאזט כמותו, און אדרבה אויב ער איז געווען א רב א ראש ישיבה האט ער געלאזט צען תלמידים במקומו,

איצטער איז א רב, א מלמד, א ראש ישיבה, וואס פארט אוועק פון נ.י. פון שיקאגא, פון באסטאן, פון לונדון, און אנטלויפט דערפאר וואס ער קען לערנען תורת א"י אין ארץ ישראל - אנטלויפט ער פשוט "מן המערכה";

[וואס עד"ז איז בנוגע צו "ג׳ שבועות": מ׳דארף ניט אנקומען צו טראכטן צי וועט ער עובר זיין על השבועה צי ניט, דעמולט דארף מען האבן "עלי׳ בחומה" - אין "ג׳ שבועות" שטייט "עלי׳ בחומה" - ס׳איז ניט סתם מ׳טאר ניט פארן אין ארץ ישראל (קטע זה אינו ברור)].

הנ"ל: כמו שביכי כורש לא הי׳ עלי׳ בחומה שהי׳ ברשותו, עד"ז עכשיו, שהם נתנו רשות.

אד"ש: איצט איז געווארן א שינוי - אויב מ׳וועט פרעגן בא די אומות וועלן זיי ניט לאזן.

הנ"ל: מכיון שנתנו רשות פעם אחד זה מספיק.

אד"ש: אויף דעם טענה׳ן זיי אז זיי האבן געגעבן רשות כל זמן זיי זיינען געווען די בעה"ב, א גוי קען דאך ניט געבן לצמיתות - ער וועט ניט טאן א זאך וואס איז ניט בידו;

אז בלפור צי כיו"ב האבן מצהיר געווען, האט ער געטאן דעמולט דאס וואס עס ליגט בכחו, איז כ"ז ער איז בחייו געווען א מיניסטער דארף ער שטיין בדיבורו - און דערנאך האט ער אליין חרטה געהאט - די צרה פון די אראבער האט זיך אנגעהויבן נאך בחייו.

אבער די הלכה וואס ס׳איז יע נוגע לפועל - ס׳איז פשוט א "נס" וואס דער אויבערשטער האט באוויזן אז די גוים ווילן ניט נעמען - אז מ׳האט גערופן אהער דעם מלך ירדן און מ׳דארף פועל זיין בא אים ער זאל וועלן צונעמען די שטחים וואס ארץ ישראל וויל אים אפגעבן פון דער זייט ירדן - און ער וויל ניט נעמען.

און די צרה הויבט זיך אן דערפון, און מ׳דארף



הנחה פרטית בלי אהריות

דאס סוכ"ם פועל זיין בא אידן אז אידן זאלן ניט
וועלן אפגעבן.

און ווי געזאגט פריער ניט דערפאר וואס דאס
איז כיבוש יחיד צי כיבוש רבים, צי ג' שבועות, צי
קדושת הארץ, צי שלימות הארץ צי לא תחנם - דאס קומט
נוסף על זה, דאס איז אבער ניט קיין ענינים פון פקו"נ;
דער פס"ד פון עירובין אראפגעבראכט אין שו"ע מיט
דעם גאנצן שטורעם - שטייט דאס און ס'הויבט זיך אן
פון "נהרדאה" - פון חו"ל.

און ווי געזאגט פריער עס איז קיינמאל ניט
געווען רח"ל אזוי פיל מחבלים ווי ס'איז געווארן
זינט מ'האט גע'חתמ'ט דעם "חוזה" - נאך די ממשלה האט
געהייסן אז מ'זאל רעדן שטיל וועגן דערויף אויף ניט
אן ווארפן א פאניקע (אויב דאס איז די סיבה).

הנ"ל: האם יש לכם כת"י מהרוזינער.

אד"ש: איך ווייס ניט דערפון, עס איז דא אין די גניזה
החרסונית בריוו וואס זיינען געשריבן צום רוזינער
און פון רוזינער, אבער זיי זיינען שוין אלע געדרוקט
אין "התמים".

הנ"ל: ויותר איך?

אד"ש: אויף וויפל איך ווייס.

אד"ש: בא אייך איז יא דא גוף כתבי-יד?

הנ"ל: שיש מתלמידי הרב המגיד.

אד"ש: אבער דאס איז דעם מעזריטשער מגיד'ס תורות וואס
זיינען נאך ניט געדרוקט?

הנ"ל: חלק מהם עוד לא הודפסו.

אד"ש: בשעת מ'האט געפונען בא איימיצן א כתב-יד פון א
תלמיד, איז געווען דערנאך א גאנצע ידיעה אין
צייטונגען אז מ'האט דאס געפונען (איך געדיינק
איצטער ניט ווען מ'האט דאס געפונען).

און מ'האט אהער צוגעשיקט א צילום פון דעם כת"י,
און בשעת מ'האט דא איבערגעדרוקט דעם לקוטי אמרים
און אור תורה פון דעם מגיד האט מען דאס אויך
ארייַנגעשטעלט.

הנ"ל: שבירושלים אצל יהודי נמצא כת"י מתורת הרב המגיד
וחושב להדפיס את זה.

אד"ש: דארט איז דא הוספות אויף די זאכן וואס עס זיינען
שוין געדרוקט?

הנ"ל: שלא יודע.

אד"ש: און בא אייך בירושה איז ניטא?

הנ"ל: יש וכפי שאמרתי מקודם.

אד"ש: דארטן איז דא הוספות על הנדפס.

אד"ש: פון וועלכע תלמידים איז דאס געשריבן, ווייסט מען ניט.

הנ"ל: לא, אבל זה כת"י יפה.

הנחה פרטית בלי אחריות

אד"ש: בכל אופן ניט פון ר' שלמה לויצקער.
הנ"ל: זה הי' אצל אחי ולא יודעים כיהו רעהיק.
אד"ש: דער רייזינער האט זיך אויך געפירט אויף א מלכות'דיקן אופן אין חו"ל, און ניט נרבעל געווארן ניט נאר פון א "גוי קטן", אפילו פאר א "גוי גדול" אויך ניט, ער האט זיך פאריסען מיט גאנץ מלכות רומי'.
הנ"ל: באתי לכאן לחתונה ואמר תורה מהרוזינער על כיצד מרקדין לפני הכלה שזה הולך על כנסת ישראל והקב"ה, אח"כ ביאר המאמר בגמרא.
אד"ש: במילא דארף מען זיין בשמחה - דאס איז דער אויספיר דארט - ווייל מען טאנצט אויף א חתונה פון דעם אויבערשטן מיט די אידן,
און דערנאך פירט ער אויס "בב"ע מקדש", וזי דער אפטייטש איז - בקודם החטא.
און דורך דערויף קומען צו קינדער בא אידן, דאס איז אין המשך.
און דערנאך דארף מען ניט בלייבן אין די אייגענע ד' אמות נאר "ומלאו את הארץ וכבשוה":
עס שטייט "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה": פרו ורבו איז געווג אין בני-ברק, מען דארף אבער האבן "ומלאו את הארץ" און - ניט נאר "ומלאו (את הארץ)". נאר "וכבשוה".
הנ"ל: ת"א הוא מכוך ינראה.
אד"ש: ביז וואנעט איר וועט כהנו זיין די תלמידים אז בא זיי זאל זיך אזוי אפלייגן, וועט איר דארפן זיין אין ת"א נאך נאך דערויף וואס משיח וועט קומען.
בכל אופן איר זאלט קיין פאריבל ניט האבן וואס איך מיש זיך אין אייערע ענינים - אבער אויב איך וועל עפעס דורכפירן און איר וועט בלייבן אין ת"א לאורך ימים ושנים טובות, איז תבוא עליכם ברכה.
הנ"ל: לא חשבתי לעבור, רק להיות בשניהם בזה ומזה.
אד"ש: איך רעד אבער וועגן די ד' אמות - בזה ובזה וועט איר דארפן מאכן,
איר קענט לעבן אין קראזן הייטס - דא וועט אויך זיין בזה ומזה.
הנ"ל: הרי האדמו"ר שליט"א נמצא בקראון הייטס.
אד"ש: עס וועט נאך בלייבן ארבעט אויך פאר א דריטן.
בכל אופן ס'זאל זיין שמחות בא אידן און ס'זאל זיין פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה - אבער פאר דעם "וכבשוה" אין נייע שטחים, טאר מען ניט טראכטן וועגן אפלאזן וואס כ'האט שוין.
און ווי געזאגט פריער - א ענין פון פקו"נ טאר מען ניט ווארטן ביז וואנעט כ'וועט קומען צוגיין פרעגן?



הנחה פרטית בלי אחריות

